היסטאָרישע סעקציע פֿון ייִוואָ
היסטאָרישע שריפֿטן, דריטער באַנד

# די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פֿון „בונד"

פֿאָרשונגען, זכרונות, מאַטעריאַלן

אונטער דער רעדאַקציע פֿון
א. טשעריקאָווער, אַ. מענעס, פֿ. קורסקי און אַ. ראָזין (בן-אדיר)





ווילנע—פּאַריז / 1939

# אינהאַלט

## דאָקומענטן

## ב י ל ד ע ר



## ר ע פּ ר אָ ד ו ק צ י ע ס

דער דאָזיקער באַנד, „די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ביז דער גרינדונג פֿון ,בונד׳״, פּרעטענדירט ניט אויף אַ פּראַגמאַטישער געשיכטע פֿון דער באַוועגונג — אַפֿילו ניט אין די אָנגעמערקטע כראָנאָלאָגישע גרענעצן,—נאָר שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ זאַמלונג פֿון שטודיעס, זכרונות, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, דער עיקר וועגן דער תּקופֿה, ווען די באַוועגונג האָט אָנגענומען אַ מאַסן-כאַראַקטער. ניט וועגן אַלע מאָמענטן פֿון איר אַנטוויקלונגס-וועג איז אונדז געראָטן צו געפֿינען גענוג מאַטעריאַל, אָבער אַלע וויכטיקסטע עטאַפּן פֿון דער באַוועגונג האָבן, אין דער אָדער אַנדער פֿאָרם, געפֿונען אין דעם באַנד אַן אָפּשפּיגלונג. דער נאָמען סאָציאַליסטישע און ניט אַרבעטער-באַוועגונג האָבן מיר אויסגעקליבן פֿאַרן טיטל ניט צופֿעליק: פֿאָרמעל קענען זיך די דאָזיקע צוויי באַגריפֿן אויך ניט דעקן, און מיר טרעפֿן אָפּט אַן אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס טראָגט אַ ריין פּראָפֿעסיאָנעלן (אַ „טרייד-יוניאָניסטישן״) און ניט קיין סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. אמת, אין דער ייִדישער ווירקלעכקייט פֿאַלן פֿאַקטיש צונויף די דאָזיקע צוויי באַגריפֿן, און אין טעקסט גופֿא מאַכן מיר דעריבער צווישן זיי קיין שום אונטערשייד ניט.

די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער- און סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז ביז איצט ווײַסנשאַפֿטלעך, אין דער אָפֿיציעלער ייִדישער היסטאָריאָגראַפֿיע, זייער ווייניק אָדער כּמעט גאָר ניט געפֿאָרשט געוואָרן, — און גראָד האָט די באַוועגונג סאָציאַל-פּאָליטיש און אויך קולטורעל געשפּילט אַן אומגעהײַערע ראָלע אינעם לעבן פֿון די ייִדישע מאַסן און איז היסטאָריש אַ פֿענאָמען פֿון דער גרעסטער חשיבֿות. אין דעם באַנד האָבן מיר זיך באַגרענעצט נאָר מיט דער געשיכטע פֿון דער באַוועגונג אין דער ערשטער שורה אין אַמאָליקן רוסלאַנד — אין ליטע און פּוילן — און אויך אין די שכנותדיקע מזרח-אייראָפּעיִשע לענדער — גאַליציע און רומעניע, וואָס וועגן זיי איז ביז איצט כּמעט גאָר ניט געווען באַקאַנט, ספּעציעל בנוגע רומעניע. די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אין ענגלאַנד און אַמעריקע, וואָס זײַנען אַליין פֿאַר זיך ביז גאָר וויכטיק, האָבן זיך אויסגעפֿורעמט אין אַ גאַנץ אַנדער פּאָליטישער און סאָציאַלער סבֿיבֿה און דאַרפֿן באַזונדער געפֿאָרשט ווערן, קודם-כּל אין יענע לענדער גופֿא.

די צוויי אַרטיקלען אין אָנהייב פֿון דעם באַנד טראָגן אַ מער אַלגעמיינעם כאַראַקטער. אין דעם ערשטן ווערט געגעבן די עוואָלוציע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, אָנגעהויבן פֿון די בעל-מלאָכישע חבֿרות, דורך די ערשטע אַרבעטער-שטרײַקן ביז דער שאַפֿונג פֿון אַ ייִדיש-פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע אין די 90ער יאָרן; אינעם צווייטן— די עוואָלוציע פֿון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אידעען, זייער אַרײַנדרינגען אין די ייִדישע רייען, די סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע דיפֿערענציאַציע בײַ דער רוסיש-ייִדישער אינטעליגענץ פֿון אָנהייב די 60ער ביז אָנהייב די 80ער יאָרן און דער אויפֿקום פֿונעם ייִד דעם רעוואָלוציאָנער. די ווײַטערדיקע אַרטיקלען, הן אין דער פֿאָרם פֿון שטודיעס, און הן פֿון זכרונות אָדער מאַטעריאַלן, באַהאַנדלען שוין איינצלנע מאָמענטן אין דער

געשיכטע פֿון דער באַוועגונג, ספּעציעל די צענטראַלע תּקופֿה פֿון סוף די 80ער ביז 1897, דאָס מיינט ביז דער גרינדונג פֿון „בונד“, דער גרענעץ־דאַטע פֿון דעם באַנד, און נאָר אין איינציקע אַרטיקלען, און אויך נאָר פֿאַרבײַגייענדיק, ווערט דער דאָזיקער גרענעץ אַריבערגעטראָטן. אין דער אָנגעוויזענער צענטראַלער תּקופֿה, וואָס איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער ווילנער „גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד“, איז אייגנטלעך אויפֿגעקומען די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער, איז דורכגעמאַכט געוואָרן דער אידעיִשער איבערגאַנג פֿון נאַראָדנישן האַלב־אַנאַרכיזם, אין רוסישן גײַסט, צו דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע און סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראַקטיק, וואָס האָט געפֿירט צו דער אָרגאַניזירונג פֿונעם ייִדישן אַרבעטער אינעם קאַמף פֿאַר זײַנע קאָנקרעטע אינטערעסן — עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, פּאָליטישע און שפּעטער אויך קולטורעלע. אין דער דאָזיקער תּקופֿה האָבן זיך אויך אָנגעזאַמלט די אָרגאַניזאַציאָנעלע דערפֿאַרונגען און אויסגעאַרבעט די קאָנספּיראַטיווע מעטאָדן פֿון דער באַוועגונג און עס האָט זיך אויך אויסגעפֿורעמט איר אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פֿון אַ ייִדישער באַוועגונג, פֿון אַ זעלבשטענדיקער ייִדישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע מיט אַ פּאָליטיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אין דער תּקופֿה איז די אַגיטאַציע אַריבער אין ייִדיש, עס איז געשאַפֿן געוואָרן די ערשטע אומלעגאַלע ייִדישע ליטעראַטור, און די ייִדישע קולטור האָט געפֿונען אַ נײַעם סאָציאַלן אָנשפּאַר. די סאָציאַליסטישע פּרוּוון צווישן ייִדן פֿון דער פֿריִערדיקער תּקופֿה, פֿון די 70ער יאָרן, ווערן אין דעם באַנד באַריִרט נאָר בדרך אַגבֿ.

די שוועריקייטן בײַם צונויפֿשטעלן דעם איצטיקן באַנד זײַנען געווען מער ווי ריין טעכנישע. בײַ דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע, וואָס איז אײַנגעפֿירט געוואָרן פֿון אָנהייב אָן אין דער פּראַקטיק פֿון דער באַוועגונג און איז געוואָרן אַ טראַדיציע, זײַנען בירושה פֿאַר דער געשיכטע כּמעט קיין דאָקומענטן ניט פֿאַרבליבן, חוץ די פּראָפּאַגאַנדע־שריפֿטן; אַרויסצובאַקומען זכרונות, אויף וועלכע מען זאָל זיך קענען פֿאַרלאָזן, פֿון דער גאַנץ קליינער צאָל איבערגעבליבענע עדות פֿון יענער צײַט, האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר גאָר ניט לײַכט; די דאָקומענטן וועגן דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס ליגן נאָך באַגראָבן אין די אַמאָליקע צאַרישע אַרכיוון, זײַנען כּמעט ווי ניט אָנגערירט, און נאָר מיט גרויס שוועריקייט איז אונדז געראָטן אַרויסצוקריגן אַ גאָר קליינעם טייל פֿון זיי. בײַ די אָנגעוויזענע אומשטאַנדן האָט זיך דער דאָזיקער באַנד געמוזט פֿאַרהאַלטן אַ סך לענגער, ווי מיר האָבן עס געוואָלט.

מיר זאָגן אונדזער אויפֿריכטיקן דאַנק די אַלע אַרבעטער־טוער און אַרכיוו־פֿאָרשער, וואָס האָבן אונדז אַזוי פֿרײַנדלעך אויסגעהאָלפֿן מיט מאַטעריאַלן, דאָקומענטן אָדער בילדער. אַ באַזונדער דאַנק קומט אונדזער פֿרײַנד ז. קלמנאָוויטש, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין די ערשטע רעדאַקציע־זיצונגען אין פּאַריז און האָט שפּעטער זייער אַ סך געהאָלפֿן בײַם אַרויסלאָזן דעם באַנד אין ווילנע.

* * *

בײַם פֿאַרענדיקן אונדזער אַרבעט האַלטן מיר פֿאַר אַ מאָראַלישן חובֿ צו דערמאָנען וועגן דער ראָלע, וואָס אונדזער פֿאַרשטאָרבענער פֿרײַנד און חבֿר ברוך כּהן־ווירגילי האָט געשפּילט בײַם אַרויסברענגען די איצטיקע אויסגאַבע.

דער געדאַנק וועגן דער נייטיקייט צו פֿאָרשן ערנסט די געשיכטע פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז ניט קיין נײַער. ניט איין מאָל איז די פֿראַגע אויפֿגעהויבן און אַרומגערעדט געוואָרן. אָבער דער, וואָס האָט געשטעלט פֿאַר אונדז קאָנקרעט די דאָזיקע אויפֿגאַבע און איז געוואָרן איר שטרענגער מאָנער, איז געווען ב. כּהן־ווירגילי. אין יאַנואַר 1934, בעת אים איז אויסגעקומען צו זײַן אין פּאַריז, איז

אונטער זייַן פֿאָרויץ פֿאָרגעקומען די זיצונג, ווו ס'איז ענדגילטיק באַשלאָסן געוואָרן צוצוטרעטן צו דער אויסגאַבע, און מיט זייַן אַקטיווער באַטייליקונג איז אויסגעאַרבעט געוואָרן איר פּלאַן, אָנגעמערקט דער כאַראַקטער, וואָס זי האָט אָנגענומען, און צונויפֿגעשטעלט געוואָרן די רעדאַקציע. ער אַליין איז, ווי באַקאַנט, קיין פֿאָרשער ניט געווען, אָבער מיטן געלײַטערטן חוש פֿון אַן אַלטן אַרבעטער-טוער און פֿון אַ קולטור-בויער, וואָס פֿילט דעם אָטעם פֿון דערווירקלעכקייט, האָט ער געשפּירט וואָס איז צייַטיק אויך אויפֿן פֿאָרשערישן געביט. „עס איז די העכסטע צייַט, – האָט ער געזאָגט שפּעטער אין זייַן באַריכט וועגן דעם פּאַריזער באַשלוס בנוגע דעם באַנד. – עס וועלן שוין ניט זייַן באַלד די מענטשן, וואָס האָבן מיטגעמאַכט יענע באַוועגונג, ניט די מאַטעריאַלן פֿון יענער תּקופֿה און אויך ניט דער עלעמענט, וואָס קען האָבן פֿאַר אָט דער תּקופֿה אַ באַזונדערן אינטערעס".

ב. כהן–ווירגילי איז געווען אַ ייִנגערער ברודער פֿון יענעם ערשטן דור טוער, וואָס האָבן געלייגט דעם ווינקלשטיין פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דערהויבן זי צו אַ גרויסן פּאָליטיש-סאָציאַלן כּוח אינעם ייִדישן לעבן. ער האָט אייַנגעזאַפּט אין זיך די בעסטע טראַדיציעס פֿון יענער וווּנדערלעכער פּיאָניערן-צייַט: גוואַלדיקע מסירת-נפֿש און אַסקעטישע עניוות, פֿלאַמענדיקן אידעאַליזם און רויִקע פּיקחות, ברייטע האָריזאָנטן און אַ שאַרפֿן חוש פֿאַר פּראַקטישקייט. אָבער פֿון זיך און פֿון זייַן דור האָט ער צו אָט דעם זעלטענעם קאָמפּלעקס אייגנשאַפֿטן אַרייַנגעטראָגן אַ טיפֿע, אָרגאַנישע און אינטימע פֿאַרבינדונג מיטן אָריגינעלן ייִדישן קולטור-שאַפֿן, מיט דער ייִדישער מאַסן-קולטור און איר לשון און מיט אירע פֿאָרשערישע פּערספּעקטיוון. ניט באַשערט איז אים געווען צו זען רעאַליזירט אַ סך התחלות, געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע, פֿאַר וועלכע ער האָט אָפּגעגעבן די לעצטע יאָרן פֿון זייַן יסורימדיק לעבן. ניט באַשערט איז אים אויך געווען צו זען פֿאַרווירקלעכט דעם געדאַנק פֿון אַ באַנד געשיכטע וועגן דעם בראשית פֿון דער ייִדישער אַרבעטער- און סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס אין אירע רייען האָט ער שפּעטער יאָרן לאַנג געקעמפֿט און ווו זייַן אָנדענק וועט קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן ווערן.

רעדאַקציע

פּאַריז, אויגוסט 1938.

דער איצטיקער דריטער באַנד „היסטאָרישע שריפֿטן“ טראָגט אַ ספּעציעלן כאַראַקטער און גיט זיך אָפּ מיט דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער- און סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין מזרח-אייראָפּע. דער באַשלוס אַרויסצולאָזן אַזאַ ספּעציעלן זאַמלבוך איז אָנגענומען געוואָרן נאָך אין 1934, בעת מיר האָבן ערשט געהאַט צוגעטראָטן צום צווייטן באַנד „היסטאָרישע שריפֿטן“. און הגם די צוגרייטונג צו די ביידע בענד איז געפֿירט געוואָרן פּאַראַלעל, אָבער דער דריטער דערשײַנט ערשט איצט, אין פֿיר אַ האַלב יאָר אַרום נאָך דעם אָנגענומענעם באַשלוס.

די סיבות פֿון אַזאַ פֿאַרשפּעטיקונג, וואָס ליגן דער עיקר אין די אינעווייניקסטע שוועריקייטן פֿון אַזאַ אונטערנעמונג, ווערן דערקלערט אין דער הקדמה פֿון דער רעדאַקציע. מיר ווילן אָנווײַזן אויך אויף די ניט קליינע טעכנישע שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן בײַם אַרויסלאָזן צוויי אַזעלכע גרויסע ווערק כמעט אין איין צײַט, דערבײַ רעדאַקטירט און צוגעגרייט אין פּאַריז און געדרוקט, ווי כמעט אַלע ייִוואָ-אויסגאַבעס, אין ווילנע. פֿאַרהאַלטן האָט זיך דער באַנד אויך מחמת דעם, וואָס ער איז זיך פֿונאַנדערגעוואַקסן כמעט צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי ס'איז תּחילת געווען פֿאָרויסגעזען.

בײַ דער געלעגנהייט ווילן מיר זאָגן אונדזער אויפֿריכטיקן דאַנק די אַלע פֿרײַנד אונדזערע, וואָס האָבן מאָראַליש און אויך מאַטעריעל געהאָלפֿן צו פֿאַרווירקלעכן אַזאַ גרויסע און אַחריותדיקע אויסגאַבע.

דער איצטיקער באַנד קאָנצענטרירט זיך דער עיקר אויף די 80ער און באַזונדערס 90ער יאָרן (ביז דער גרינדונג פֿון „בונד“); די סאָציאַליסטישע פּרוּוון פֿון דער גאָר ערשטער פּיאָניערן-תּקופֿה אין די 70ער יאָרן גייען אין אים ניט אַרײַן. די דאָזיקע פּרוּוון, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיטן נאָמען פֿון אַהרן ליבערמאַן, זײַנען אַ טעמע פֿאַר זיך, און זי וועט בילדן דעם אינהאַלט פֿון אַ ספּעציעלן באַנד וועגן דער ליבערמאַן-תּקופֿה, לויט נײַע מאַטעריאַלן, וואָס מיר גרייטן איצט צום דרוק.

## היסטאָרישע סעקציע פֿון דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט

א. טשעריקאָווער
וויסנשאַפֿטלעכער סעקרעטאַר

איינציקע אַרטיקלען אין דעם באַנד זײַנען געשריבן געוואָרן און אויך אויסגעזעצט נאָך מיט 3—4 יאָר צוריק, און דאָס לאָזט זיך צו מאָל פֿילן בנוגע פּערזאָנען, וואָס איצט לעבן זיי שוין ניט מער, אָדער אין דורכלאָזן ווערק אין די ביבליאָגראַפֿישע אָנווײַזן, וואָס זײַנען אַרויס ערשט אין די לעצטע יאָרן. מחמת דעם וואָס די צוגרייטונג פֿון באַנד האָט לאַנג געדויערט, איז אויך ניטאָ קיין שטרענגע איינהייטלעכקייט אין דער אָרטאָגראַפֿיע פֿון איינציקע נעמען און ווערטער און בײַם ציטירן די מקורים.

די אַלע דאַטעס, חוץ יענע אַרטיקלען, ווּ ס'איז די רייד וועגן געשעענישן ניט אין רוסלאַנד, זײַנען לויט דער אַלטער רוסישער צײַט-רעכענונג. בײַם ציטירן אין רוסיש באַנוצן מיר די נײַע רוס' אָרטאָגראַפֿיע (אַפֿילו פֿון אַלטע אויסגאַבעס), חוץ אין יענע פֿאַלן, ווען מיר ציטירן דאָקומענטן אָדער דרוקן איבער די אַלטע בראָשורן מיט זייערע רוסישע אונטערקעפּלעך.

# די ייִדישע אַרבעטער=באַוועגונג אין רוסלאַנד פֿון אָנהייב 70ער ביזן סוף 90ער יאָרן

פֿון א. מענעס (פּאַריז)

## I

## די סאָציאַלע סטרוקטור און סאָציאַלע קאָנפֿליקטן אין דער צווייטער העלפֿט 19טן י״ה

ווי אַלט איז די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג, ווען זײַנען געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרוּוון פֿון זעלבשטענדיקע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, ווען האָבן ייִדישע אַרבעטער צום ערשטן מאָל דערפֿילט דעם כּוח פֿון אַחדות און האָבן געמיינזאַם אָנגעהויבן אַ קאַמף פֿאַר סאָציאַלע אָדער עקאָנאָמישע פֿאַרבעסערונגען? — אויף דעם איז נאַטירלעך אוממעגלעך צו געבן אַ גענויעם ענטפֿער. בעת די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט האָט געמאַכט אירע ערשטע טריט אויף דעם דאָזיקן נײַעם וועג, האָט קיינער — און צום ווייניקסטן די אַרבעטער גופֿא — ניט געהאַט קיין פֿאָרשטעלונג פֿון דעם גרויסן באַטײַט פֿון די דאָזיקע געשעענישן. די ערשטע פּרוּוון פֿון שטרײַקן און אַרבעטער-חבֿרות זײַנען כּמעט ווי ניט באַמערקט געוואָרן, קיינעם איז דעמאָלט ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָ עפֿנט זיך אַ נײַ בלאַט אין דער ייִדישער געשיכטע, און עס האָט זיך דעריבער אויך קיינער ניט געפֿונען, וואָס זאָל דאָס אַלץ פֿאַרשרײַבן לזכּרון לדורות. מען קען מיט זיכערקייט אָננעמען, אַז גראָד פֿון דער ערשטער צײַט האָבן מיר וועגן דאָס רובֿ געשעענישן קיין שום ידיעות ניט. עס איז דערפֿאַר זייער שווער צו שרײַבן וועגן דער דאָזיקער „פֿאַרהיסטאָרישער“ תּקופֿה פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג. דער היסטאָרישער מאַטעריאַל, וואָס מיר פֿאַרמאָגן פֿאַר יענער צײַט, איז זייער אָרעם און טראָגט דאָס רובֿ אַ צופֿעליקן כאַראַקטער.

אונדזער אַרבעט פּרעטענדירט מהאַי טעמא ווייניקער ווי אַלץ אויף פֿולשטענדיקייט. דער מאַטעריאַל איז ביז אַהער ערגעץ ניט געזאַמלט. אויף וויפֿל עס איז בײַ אונדז געשריבן געוואָרן וועגן די 70ער און 80ער יאָרן, האָט מען, אַחוץ זעלטענע אויסנאַמען, געהאַט אין זינען דער עיקר די אידעאָלאָגישע זײַט, די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. מען האָט אָבער כּמעט אין גאַנצן איגנאָרירט דאָס, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין די טיפֿענישן פֿון פֿאָלקסלעבן. דעם גרעסטן טייל מאַטעריאַל וועגן אַרבעטער-חבֿרות, שטרײַקן און אַנדערע וויכטיקע דערשײַנונגען אין ייִדישן אַרבעטער-לעבן, וואָס ווערט ווײַטער געבראַכט, האָבן מיר גענומען פֿון דער דעמאָלטיקער לעגאַלער און אומלעגאַלער פּרעסע, טיילווײַז פֿון די מאַטעריאַלן פֿון די פּאָליציי-אַרכיוון, וואָס זײַנען פֿאַר די לעצטע יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן. מיר האָבן אָבער אין אונדזער רשות געהאַט לפֿי-ערך נאָר אַ קלײנעם טייל פֿון די אָנגעוויזענע מקורים. אַ גרינטלעכע און סיסטעמאַטישע באַאַרבעטונג פֿון דער פּראָווינציעלער פּרעסע, פֿון די פֿאַרשיידענע ייִדישע לעגאַלע אויסגאַבעס פֿון יענער צײַט, ווי אויך פֿון די אָרטיקע אַרכיוון, וועט בלי ספֿק פֿאַר אונדז אויפֿדעקן נאָך אַ סך ביז אַהער אומבאַקאַנטע פֿאַקטן און געשעענישן און שטאַרק באַרײַכערן אונדזערע ידיעות וועגן דעם אָנהייב פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג.

אונדזער אַרבעט וועט זיך אַקעגן ווייניקער באַשעפֿטיקן מיט די פֿראַגן, וואָס האָבן אַ שײַכות צו די ערשטע פּרוּוון פֿון רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַליסטישער

אַרבעט בײַ ייִדן, וואָס אַנטוויקלט זיך אין דער זעלביקער צײַט. די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע באַגרענעצט זיך אין יענעם פּעריאָד כמעט אויסשליסלעך אויף די קרײַזן פֿון דער אינטעליגענץ. די אַרבעטערשאַפֿט איז נאָך דעמאָלט אָנגעוויזן אין גאַנצן אויף אירע אייגענע כּוחות. עס איז דערפֿאַר באַזונדערס מערקווערדיק, וואָס ניט געקוקט אויף דער פּרימיטיווער קולטור-מדרגה פֿון די אַרבעטער אין יענער צײַט, אויף די אויסער-געוויינטלעך שווערע תּנאים, סײַ עקאָנאָמיש, סײַ מאָראַליש, זײַנען פֿונדעסטוועגן גאַנץ אָפֿט געמאַכט געוואָרן פּרוּוון זיך אַנטקעגנצושטעלן און צו קעמפֿן פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון די אַרבעטס-באַדינגונגען. דערפֿאַר פֿאַרדינען די דאָזיקע ערשטע פּרוּוון גאָר אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט.

* *
*

די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג הייבט זיך אָן אין רוסלאַנד ערשט אין דער צווייטער העלפֿט פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע האָט דאָ געשפּילט די באַפֿרײַונג פֿון די פּויערים און די אַנטוויקלונג פֿון די אײַזנבאַנען, וואָס האָבן גרונטיק געענדערט דעם פּנים פֿון דער ווירטשאַפֿט אין שטאָט און אין דאָרף. אין יאָר 1861 האָט די לענג פֿון די רוסישע אײַזנבאַנען באַטראָפֿן קוים 1488 ווערסט, פֿינף און דרײַסיק יאָר שפּעטער, אָנהייב 1896, האָט די לענג פֿון די רוסישע אײַזנבאַן-ליניעס אויסגעמאַכט שוין אַ שטרעקע פֿון 34.736 ווערסט. אַן ענלעכע שטורמישע אַנטוויקלונג לאָזט זיך אויך פֿעסטשטעלן אויף אַנדערע געביטן. אין יאָר 1865 האָט רוסלאַנד פּראָדוצירט 17,4 מיליאָן פּוד טשוגון (גוסאײַזן), אין יאָר 1890 — 55,2 מיליאָן פּוד. די פּראָדוקציע פֿון שטיינקוילן האָט באַטראָפֿן 22,3 מיליאָן פּוד אין 1865 און 367,2 אין 1890 — אַ פֿאַרגרעסערונג פֿון מער ווי זעכצן מאָל. די אַלגעמיינע צאָל אַרבעטער אין רוסלאַנד אין די גרויסע אונטערנעמונגען האָט זיך פֿון אָנהייב זעכציקער ביז סוף נײַנציקער יאָרן מער ווי פֿאַרדרײַפֿאַכט.

בערך דאָס זעלביקע האָט זיך אין משך פֿון דעם באַהאַנדלטן פּעריאָד אָפּגעשפּילט אויך בײַ ייִדן. די פּראָלעטאַרישע שיכט איז אמת בײַ ייִדן אויך אין דער ערשטער העלפֿט פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געווען גענוג שטאַרק. דער מאָדערנער פּראָלע-טאַריאַט, וואָס מיט אים איז פֿאַרבונדן די מאָדערנע אַרבעטער-באַוועגונג, דאַטירט אָבער ערשט פֿון די 60ער און 70ער יאָרן. נאָך אין די 40ער יאָרן איז דער אייגנטלעכער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט באַשטאַנען אַזוי גוט ווי אויסשליסלעך פֿון ניט-קוואַליפֿיצירטע שוואַרץ-אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעמאַכט, ווי עס ווײַזן די ציילונגען פֿון יענער צײַט, אַרום אַ פֿערטל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אָבער די דאָזיקע אָרעמקייט-מאַסע האָט ניט געבילדעט לויט איר ווירטשאַפֿטלעכער ראָלע קיין אייגנהייטלעכע אָרגאַנישע גרופּע. דער ניט-קוואַליפֿיצירטער טאָג-אַרבעטער האָט ניט פֿאַרנומען יענעם צענטראַלן פּלאַץ אין ווירטשאַפֿטלעכן לעבן, ווי זײַנע שפּעטערדיקע קלאַסן-ברידער פֿון דער אינדוסטריע. ער איז לויט זײַן עצם מהות נאָך אַ הילפֿס-אַרבעטער, וואָס אַרבעט הײַנט דאָ און מאָרגן דאָרטן, האָט ניט קיין באַשטימטן אָרט אין דער פּראָדוקציע, איז אויך ווייניק פֿאַרבונדן מיט זײַנע קלאַסן-חבֿרים. די דאָזיקע מאַסע האָט געקענט אין געוויסע פֿאַלן אויסדריקן איר פּראָטעסט, אויסשרײַען איר נויט, איז אָבער ניט געווען פֿעיִק אויף צו אָרגאַניזירן זיך, פֿירן אַ קאַמף אויף דער ליניע פֿון דער פּראָדוקציע אין די ראַמען פֿון דער ווירטשאַפֿט.

צו דער פּראָלעטאַרישער שיכט האָבן אויך געהערט אַ גרויסער טייל פֿון די בעלי-מלאָכות. סאָציאַל און עקאָנאָמיש זײַנען זיי דאָס רובֿ געשטאַנען אויף די אונטערשטע שטאַפּלען פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לייטער. גאָר אָפֿט פֿירן די בעלי-מלאָכות אַ קאַמף קעגן קהל, קעגן די לאַסטן, וואָס ווערן אַרויפֿגעלייגט אויף די פּלייצעס פֿון די אָרעמע מאַסן. אָבער דער דאָזיקער קאַמף האָט נאָך אייגנטלעך ווייניק צו טון מיט דעם, וואָס מיר

זײַנען געווײנטלעך געווײנט צו באַצײכענען מיטן נאָמען קלאַסנקאַמף. די ייִדישע גבֿירים האָבן ניט געצויגן זייערע רווחים פֿון דער אַרבעט פֿון די בעלי-מלאָכות, זייערע פֿאַרדינסטן שטאַמען דער עיקר פֿון געשעפֿטן מיט די פּריצים אָדער פּויערים.

בהדרגה הייבט זיך אָן אַ שטאַרקערע דיפֿערענצירונג אין דעם קלאַס פֿון די בעלי-מלאָכות גופֿא. כּל זמן יעדער פּועל האָט מיט דער צײַט געקענט ווערן זעלבשטענדיק, איז ניט געווען קיין אָרט פֿאַר שאַרפֿע און דויערנדיקע קאָנפֿליקטן צווישן אַרבעטער און בעלי-בתּים. סוף-כּל-סוף האָט יעדער פּועל באַטראַכט זײַן צושטאַנד ווי אַ צײַטווײַליקן. מיט דער צײַט בײַט זיך אָבער די לאַגע. דער אויפֿבלי פֿון די גרויסע שטעט פֿירט צו אַ געוויסער קאָנצענטראַציע פֿון דער אַרבעט אויך אַפֿילו אין די האַנטווערקער-פֿאַכן. עס קומען אויף וואַרשטאַטן, וואָס באַשעפֿטיקן פֿינף, צען און אַפֿילו מער אַרבעטער. כּדי צו ווערן זעלבשטענדיק פֿאָדערט זיך אָפּט שוין אַ געוויסער קאַפּיטאַל, און דער אַרבעטער זעט שוין ניט יענע זיכערע פּערספּעקטיוו צו קענען ווערן אַ בעל-הבית פֿאַר זיך. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט ניט געפֿירט צו דער בילדונג פֿון קלאָרע קלאַסנפֿראָנטן, ווי אין דער אינדוסטריע, נאָר עס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אַ רײ איבערגאַנג-פֿאָרמען. עס זײַנען געווען וואַרשטאַטן, וואָס האָבן זיך לויט זייער פֿאַרנעם און סטרוקטור גאָר ניט אונטערגעשיידט פֿון קליינע פֿאַבריקן; פֿאַרקערט, אין אַ סך ערטער האָט זיך דער כאַראַקטער פֿון די מלאָכה-וואַרשטאַטן ניט געביטן. בכּלל אָבער פֿאַרנעמט די פּועלים-פֿראַגע וואָס ווײַטער אַלץ אַ גרעסערן אָרט, און מיר הערן אָפֿטער פֿון קאָנפֿליקטן צווישן מײַסטערס און אַרבעטער. דער ערשטער אונדז באַקאַנטער פּרוּוו פֿון אַ באַזונדער חבֿרה פֿון ייִדישע פּועלים איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1841 אין מינסק. די מינסקער שנײַדער-אַרבעטער האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצוטיילן פֿון די בעלי-בתּים און גרינדן אַ זעלבשטענדיקע חבֿרה, אָבער קהל האָט זיך אַרײַנגעמישט און האָט עס ניט דערלויבט.[1]

דערווײַל אָבער זײַנען עס נאָך איינצלנע און לפֿי ערך זעלטענע עפּיזאָדן, וואָס פֿאַרנעמען ניט קיין קענטיקן פּלאַץ אין ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אויף וויפֿל מיר זעען עס פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע אַפֿילו נאָך פֿון די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן, זײַנען עס ניט די קאָנפֿליקטן צווישן אַרבעטער און בעלי-בתּים, נאָר דער קאַמף אַרום קהל, אַרום דער טאַקסע וכדומה, וואָס פֿילט אָן דאָס ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אין שטאָט און שטעטל. די גרויסע מאַסע פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט טרעט נאָך אַרויס ניט דיפֿערענצירט. על-פּי רובֿ זײַנען עס די בעלי-מלאָכות, וואָס רעפּרעזענטירן די שטעטלשע אָרעמקייט און פֿירן דעם קאַמף קעגן די „בעלי-בתּים" און קהל. די דאָזיקע קאַמפֿן זײַנען ניט אַלע מאָל געפֿירט געוואָרן בלויז מיט די מעטאָדן פֿון עיכּובֿ-הקריאה, פֿון ניט לאָזן לייענען די תּורה, און האָבן צײַטנווײַז אָנגענומען זייער אַן ערנסטע און שאַרפֿע פֿאָרם. אַזוי לייענען מיר אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „המליץ" פֿון אַ שטעטל באָהוסלאַוו (קיעווער גוב'): „קול צעקת עניי עירנו הנאנחים והנאנקים תחת יד המלוים בריבית נשמע בעיר. אולם עתה גמרו הלוים בלבם להתנפל על נוגשיהם המלוים ולעשות בהם פרעות... בכל יום יתאספו אגודות אגודות ויארבו להמלוים להכותם מכות חדרי בטן"[2] (דער ווײ-געשרײ פֿון דער היגער אָרעמקייט, וואָס קרעכצט און זיפֿצט אונטערן דרוק פֿון די וואָכערניקעס, לאָזט זיך הערן אין אונדזער שטאָט. אָבער איצט האָבן די בעלי-חובֿות בײַ זיך באַשלאָסן זיך נעמען צו זייערע אונטערדריקער די וואָכערניקעס און אויפֿהייבן אַ בונט... יעדן טאָג קלײַבן זיך צונויף קאָמפּאַניעס, לויערן אויף די וואָכערניקעס, כּדי זיי צו געבן די ריכטיקע קלעפּ).

---

1 זע בראַפֿמאַן Книга Кагала (דאָס בוך פֿון קהל), נו' 1046, ציט' לויטן אָרט' פֿון י. סאָסיס, ייִדישע בעלי-מלאָכות אין ליטע, ווײַסרוסלאַנד און פּוילן, אין מינסקער „צײַטשריפֿט", ב' 4, ז' 28.

2 „המליץ" 1887, נו' 166.

אין „הצפירה“ פֿון זעלביקן יאָר לייענען מיר אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון שטעטל סטאַווישטשע (קיעווער גוב׳): „כי העוני והמחסור השוררים בעיר הכבידו אכפם על העניים המרודים עד שהתקבצו יחד ויפשטו על העיר לשלול שלל בבתי העשירים ואולם לא שלחו ידם כי אם בלחם אשר מצאו בבית“ [3] (די נויט און די דחקות, וואָס הערשן אין שט״ט, איז אַזוי גרויס, אַז די אומגליקלעכע אָרעמקייט האָט זיך צונויפֿגענומען און זיך אַ לאָז געטאָן ראַבעווען די הײַזער פֿון די גבֿירים. זיי האָבן אָבער ניט גענומען קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר עסנוואַרג). דאָ האָבן מיר פֿאַר זיך בילדער פֿון בונטן פֿון דער פּאָלקסמאַסע, אַרויסגערופֿן דורך דער געוואַלדיק שווערער נויט, וואָס האָט געהערשט אין יִדישן שטעטל אין די אַכציקער יאָרן, ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם דעמאָלטיקן שווערן עקאָנאָמישן קריזיס און די גזירות פֿון אַלעקסאַנדער III. זיי ווײַזן אונדז, וויפֿל סאָציאַלער אויפֿרײַסשטאָף עס איז געווען אָנגעזאַמלט אין דער יִדישער מאַסע, בעת די יִדישע אַרבעטערשאַפֿט האָט געמאַכט אירע ערשטע טריט אויף דעם נײַעם וועג פֿון סאָציאַלן קאַמף.

זינט אָנהייב די 60ער יאָרן באַווײַזן זיך אין אַ גרעסערער צאָל יִדישע פֿ אַ ב ר י ק־אַ ר ב ע ט ע ר (גאָר קליינע גרופּעס זײַנען שוין געווען אַ סך פֿריער). יִדישע אַרבעטער זײַנען געווען באַשעפֿטיקט דער עיקר אין דער טאַבאַק־בראַנזשע, וואָס איז געווען אין גצביט פֿון יִדישן תּחום כּמעט אויסשליסלעך אַ יִדישער פֿאַך; אַ לפֿי־ערך באַדײַטיקע צאָל יִדישע אַרבעטער זײַנען אויך געווען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע (אין לאָדזשער און ביאַליסטאָקער ראַיאָן). מיר געפֿינען אַחוץ דעם אַ גרעסערע צאָל יִדישע אַרבעטער אין די שוועבעלעך־פֿאַבריקן און אין די גאַרבערײַען אין יִדישן תּחום (סמאָרגאָן, אָשמענע, קרינעק) און אין אייניקע אַנדערע אינדוסטריע־צווײַגן. דער דאָזיקער נײַער עלעמענט האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אָנהייב פֿון דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און האָט בלי ספֿק אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף די פּועלים אין די טראַדיציאָנעלע יִדישע מלאָכה־פֿאַכן. גלײַכצײַטיק ענדערט זיך אויך דער כאַראַקטער פֿון דער מלאָכה. דאָ ווירקט ערשטנס דער פּראָצעס פֿון קאָנצענטראַציע, וואָס איז שוין פֿריער דערמאָנט געוואָרן, און נאָך וויכטיקער איז דער פֿאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל בעלי־מלאָכות אַרבעטן ניט מער דירעקט פֿאַרן אָרטיקן קונה, נאָר פֿאַרן ווײַטן מאַרק. דער בעל־מלאָכה אַרבעט איצט פֿאַרן מאַגאַזין, אָדער פֿאַרן קאָמיסיאָנער, פֿון וועמען ער ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מער אָפּהענגיק. דער סוחר גיט דעם בעל־מלאָכה דעם רויִ־שטאָף, נעמט בײַ אים אָפּ די פֿאַרטיקע סחורה און באַזאָרגט אים אָפֿט אַפֿילו מיט דער מאַשין אויף צו אַרבעטן. די דאָזיקע היים־אַרבעטער טרעפֿן מיר אין אַ גרויסער צאָל אין טעקסטיל־ראַיאָן פֿון לאָדזש און ביאַליסטאָק, אין ווילנער געגנט (די זאָקן־מאַכערקעס), אָבער אויך אין אַ היפּשער צאָל אין אַלע יִדישע פֿאַכן, באַזונדערס אין די גרעסערע שטעט. צולעצט מוז נאָך דערמאָנט ווערן די לפֿי־ערך היפּשע צאָל יִדישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין אַלע גרעסערע שטעט, וועלכע האָבן, אמת, זייער באַזונדערע געשיכטע, אָבער וועלכע מען מוז אויך האָבן אין זינען, ווען מען מאַכט אַ סך־הכּל פֿון די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אין יִדישן לעבן אין משך פֿון די 70ער יאָרן. מיר וועלן שפּעטער זען, אַז גראָד די אָנגעשטעלטע האָבן שוין גאָר פֿרי געשאַפֿן אייגענע קלאַסן־אָרגאַניזאַציעס צו שיצן זייערע אינטערעסן און אַז ס׳איז אויך זיי אויסגעקומען צו פֿירן פֿון צײַט צו צײַט אַ קאַמף קעגן זייערע בעלי־בתּים.

וואָס פֿאַר אַ פּלאַץ דער יִדישער פּראָלעטאַריאַט האָט פֿאַרנומען אין יִדישן לעבן אָנהייב 80ער יאָרן אין די גרעסערע צענטערס פֿון תּחום־המושבֿ, ווײַזן די ציפֿערן, וואָס מיר האָבן פֿאַר אייניקע יִדישע קהילות. אין אָדעס איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין

---

3 „הצפירה“ 1887, נר׳ 24.

יאָר 1880—81 אַ פּריוואַטע אַנקעטע וועגן די ייִדישע פּרנסות.[4] די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג האָט דעמאָלט באַטראָפן 65 טויזנט נפשות. די דאָזיקע אַנקעטע האָט פאַררעגיסטרירט:

| זעלבשטענדיקע | | לוין-אַרבעטער און אָנגעשטעלטע | |
|---|---|---|---|
| סוחרים און קרעמער | 2907 | אָנגעשטעלטע | *3000 |
| פאַבריקן ייִדישע | 90 | אַרבעטער (בײַ ייִדן און ניט-ייִדן) | 1347 |
| בעלי-מלאָכות | 1526 | געזעלן און לערנייִנגלעך | 2456 |
| אַנדערע זעלבשטענדיקע | ? | שוואַרץ-אַרבעטער (דער עיקר בײַם האַוון) | 2407 |
| | | דינסטן | *2000 |

די דאָזיקע ציפערן זײַנען ווײַט ניט פולשטענדיק. דאָ פעלן די וויכטיקסטע פּרויען-פאַכן, ווי שנײַדערקעס, וועשערינס א"אַנד; עס זײַנען אויך ניט רעגיסטרירט די ליבעראַלע פּראָפעסיעס (לערערס, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן אאַז"וו). די ציפערן בנוגע די אָנגעשטעלטע און די דינסטן זײַנען בלויז שאַצונגען. בכל אופן איז אויך פון די דאָזיקע ניט פולשטענדיקע ציפערן גאַנץ קלאָר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט דעמאָלט בײַ דער אָדעסער ייִדישער באַפעלקערונג שוין פאַרנומען אַ גאָר וויכטיקן פּלאַץ. לויט די דאָזיקע ציפערן, האָט די צאָל ייִדישע פּראָלעטאַריער באַטראָפן 11000, צוזאַמען מיט פרויען און קינדער זײַנען עס געווען בכל אופן ניט ווייניקער ווי 25—30 טויזנט, ד"ה 40—45 פּראָצ' פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אין די גרעסערע צענטערס איז שוין אין יענער צײַט דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט געווען, ווי מיר זעען, זייער באַדײַטיק. אָדעס בילדעט זיכער ניט קיין אויסנאַם. מיר האָבן ידיעות פון נאָך אייניקע שטעט, וועלכע באַשטעטיקן אין גאַנצן דאָס דאָזיקע בילד. אין ביאַליסטאָק, למשל, זײַנען, לויט ווי ס'גיט אָן דער באַקאַנטער רוסישער עקאָנאָמיסט סובאָטין,[5] מיטן די אַכציקער יאָרן געווען איבער 2000 ייִדישע פאַבריק-אַרבעטער, אַחוץ די פּועלים בײַ בעלי-מלאָכות, שוואַרץ-אַרבעטער, דינסטן אאַז"וו; אין דווינסק האָט מען אין יאָר 1887 געציילט 1400 ייִדישע פאַבריק-אַרבעטער.

הגם, ווען מען נעמט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, איז דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט לויט זײַן צאָל און רעלאַטיווער וואָג געווען זייער קליין, באַזונדערס אויף וויפל ס'איז שייך דעם מאָדערנעם פאַבריק-פּראָלעטאַריאַט, איז אָבער אין איינצלנע און באַזונדערס וויכטיקע צענטראַלע פּונקטן דער באַטײַט פון דער פּראָלעטאַרישער מאַסע שוין געווען זייער גרויס. די ציפערן פאַר די 80ער יאָרן גיבן אונדז שוין אויך אַ בילד פון דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור און כאַראַקטער פון אָט דער מאַסע. עס פאַלט אויף, וואָס די גרופּע פון די ניט-קוואַליפיצירטע שוואַרץ-אַרבעטער און דינסטן פאַרנעמען נאָך דעם וויכטיקסטן אָרט, באַדײַטיק מער, ווי די פאַבריק-אַרבעטער און בעלי-מלאָכות צוזאַמען. זייער קליין איז נאָך אַפילו אין אַזאַ שטאָט, ווי אָדעס, די צאָל ייִדישע פאַבריק-אַרבעטער; זיי מאַכן אויס 12 פּראָצענט פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, דערפון מער ווי אַ העלפט באַשעפטיקט אין דער טאַבאַק-אינדוסטריע (727). אין דער אייגנטלעכער גרויס-אינדוסטריע זײַנען קיין ייִדישע אַרבעטער כמעט ווי ניט געווען. דאָס איז גילטיק ניט בלויז פאַר אָדעס, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע גרעסערע אינדוסטריעלע צענטערס, באַזונדערס וואַרשע און לאָדזש. עס איז כדאַי צו נאָטירן, אַז די דאָזיקע דערשײַנונג האָט שוין אין די אַכציקער יאָרן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט סײַ פון ייִדישע, סײַ אַפילו פון ניט-ייִדישע קרײַזן. אויסערגעוויינטלעך כאַראַקטעריסטיש

---

4 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „Восход", 1884, אַפּריל.

* לפי ערך געשאַצט.

5 А. Субботин, В черте еврейской оседлости, 59 'ב' 2, ז (פּעטערבורג 1890).

איז די ווײַטערדיקע ידיעה, וועלכע מיר באַגעגענען אין דער דעמאָלטיקער פּרעסע: אין יאָר 1884 האָט אַ דײַטשער פֿאַבריקאַנט אין טאָמאַשאָוו (פּעטריקאָווער גוב׳) אויף אַ באַראַטונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען וועגן העלפֿן די אַרבעטלאָזע, פֿאָרגעלייגט די יידישע פֿאַבריקאַנטן, זיי זאָלן אָפּזאָגן זייערע קריסטלעכע אַרבעטער און נעמען אויף זייער פּלאַץ אַרבעטלאָזע יידישע אַרבעטער, מחמת די יידישע אַרבעטער קענען קריגן אַרבעט נאָר בײַ יידישע פֿאַבריקאַנטן—די קריסטלעכע פֿאַבריקן האָבן קיין יידן ניט אָנגענומען—און די קריסטלעכע פֿאַבריקאַנטן אַקעגן זאָלן אָננעמען אויף דער אַרבעט די אָפּגעזאָגטע קריסטלעכע אַרבעטער.[6] די אַרבעטלאָזיקייט איז דעמאָלט געווען באַזונדערס גרויס בײַ די יידישע אַרבעטער, ווי עס שרײַבט דער קאָרעספּאָנדענט פֿון „רוסקי יעווריי", דערפֿאַר, ווײַל זיי קענען צוליב שבת ניט אַרבעטן בײַ די מעכאַנישע שטולן. דעם זעלביקן גרונד, פֿאַר וואָס יידישע אַרבעטער זײַנען ניט באַשעפֿטיקט אין די גרויסע פֿאַבריקן, געפֿינען מיר אין אַ בריוו פֿון לאָדזש: „מיר זעען דאָ טאָג-טעגלעך טויזנטער יידישע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן די שווערסטע אַרבעט אין שוויס פֿון געזיכט בײַ די וועבשטולן, און ניט בלויז מענער, נאָר אויך יידישע פֿרויען און מיידלעך."[7] ווײַטער לייענען מיר אין דער זעלביקער נאָטיץ וועגן פּאָזנאַנסקיס פֿאַבריק: „איידער די דאָזיקע פֿאַבריק איז אַריבער אויף דאַמפּקראַפֿט, ווען די אַרבעט איז נאָך געמאַכט געוואָרן מיט דער האַנט, זײַנען דאָ געווען באַשעפֿטיקט כמעט אויסשליסלעך יידישע אַרבעטער"; מחמת דעם, וואָס יידן אַרבעטן ניט שבת, דערקלערט דער קאָרעספּאָנדענט, האָבן זיי געמוזט פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ, אָבער אויך איצט זײַנען נאָך פֿון דעסט וועגן פֿאַראַן יידישע אַרבעטער: „דאָס זײַנען יענע, וואָס דרשענען דעם מאמר חז"ל „עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות".[8]

די שבת-אַרבעט איז זיכער ניט געווען די איינציקע סיבה, פֿאַר וואָס די יידישע אַרבעטער זײַנען ניט געווען פֿאַרטראָטן אין די גרויסע אינדוסטריע-אונטערנעמונגען אין לאָדזש. מיר געפֿינען אין דער פּרעסע אָפֿט טענות צו די יידישע פֿאַבריקאַנטן, פֿאַר וואָס זיי לאָזן ניט צו צו דער אַרבעט קיין יידישע אַרבעטער. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „רוסקי יעווריי" ווערט אונדז דערציילט, אַז זינט עס איז אויף דער פּאַפּיר-פֿאַבריק „גאָלדשטיין און באַראַץ" אָנגעקומען דער נײַער דירעקטאָר, האָט מען אָנגעהויבן אָנצו-נעמען יידישע אַרבעטער; פֿריער—שרײַבט דער קאָרעספּאָנדענט—האָבן יידישע אַרבעטער דאָרט ניט געהאַט קיין צוטריט. „איידער — לייענען מיר ווײַטער—זײַנען די טירן פֿון אַנדערע יידישע פֿאַבריקן, צו אונדזער חרפּה, פֿאַרמאַכט פֿאַר יידישע אַרבעטער".[9]

ענלעכע פֿאַקטן ווערן נאָטירט אין דער דעמאָלטיקער יידישער פּרעסע פֿון נאָך אַ ריי ערטער. דער אויסערגעוויינטלעך שווערער קריזיס פֿון די אַכציקער יאָרן האָט די דאָזיקע פֿראַגע אַוועקגעשטעלט באַזונדערס שאַרף. יידן האָבן זיך דעמאָלט גענומען פֿאַר דער שווערסטער פֿיזישער אַרבעט, אָבער אויך דאָס איז ניט אַלע מאָל געווען מעגלעך צו געפֿינען, און גאָר אָפֿט האָט די נויט געפֿירט צו קאָנפֿליקטן צווישן יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער. אין דער העברעיִשער פּרעסע ווערט דערציילט וועגן אַ גרויסער שלעגערײַ צווישן יידישע און קריסטלעכע טרעגער און אַרבעטער אין אָדעס ר האָפֿן: „ביום 19 יולי היתה מכה רבה בין נוצרים ויהודים הפועלים ונושאי סבל על חוף הים".[10] אַן ענלעכער פֿאַל ווערט דערציילט וועגן קאַטערינאָסלאַוו; די קריסטלעכע אַרבעטער האָבן זיך דאָרט פֿאַראייניקט און לאָזן מיט געוואַלד ניט צו די יידישע

6 זע „Русский Еврей" 1884, נר׳ 11; „Недельная Хроника Восхода" 188, נר׳ 17.

7 „הצפירה" 1886, נר׳ 94.

8 דאָרטן.

9 „Русский Еврей" 1884.

10 „המליץ" 1886, נר׳ 76.

אַרבעטער אויסצולאָדן און אָנצולאָדן די שיפֿן בײַם האַוון פֿון דנעפּער. דאָס אייגענע לייענען מיר אין אַ באַריכט אין „וואָסכאָד“ פֿון קאַטערינאָסלאַוו, ווו עס ווערט דערציילט, אַז די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין די פֿאַבריקן און בײַם האַוון, ווערן דורך די „אָנגעקומענע“ רוסישע אַרבעטער פֿאַרטריבן פֿון דער אַרבעט, און די אונטער-נעמער האָבן דערפֿאַר אויפֿגעהערט אָנצונעמען יידישע אַרבעטער.[11] וועגן קאַמפֿן פֿון פּויערים קעגן יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן אָנגענומען אַרבעט אין אַ פּריצישן מאַיאָנטעק און אויף די בוריקעס-פּלאַנטאַציעס בײַ אַ צוקער-פֿאַבריק אין דעם שטעטל זינקאָוו (פּאָדאָליער גוב'), ווערט מיטגעטיילט לויט דעם רוסישן זשורנאַל „דיעלאָ“.[12] דער קאַמף פֿון יידישן אַרבעטער פֿאַר זײַן רעכט אויף אַן אַרבעטספּלאַץ איז, ווי מיר זעען, גאָר ניט קיין נײַע דערשײַנונג. באַזונדערס פֿאַרשאַרפֿט איז געוואָרן די פֿראַגע אין צײַטן פֿון ווירטשאַפֿטלעכע דעפּרעסיעס.

די ווירטשאַפֿטלעכע אַנטוויקלונג אין רוסלאַנד איז נאַטירלעך ניט פֿאַרלאָפֿן גלײַכמאָסיק. די קאָניונקטור האָט אויך אין פֿאַריקן יאָרהונדערט געהאַט איר באַרג-אַרויף און אַראָפּ, פּעטע און מאָגערע יאָרן. דאָס האָט אין אַ באַדײַטיקער מאָס אויך באַשטימט דעם פֿאַרלויף פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג בײַ יידן און פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל. די 60ער און טיילווײַז אויך די 70ער יאָרן בילדן אַ פּעריאָד פֿון אַ שטאַרקער אויפֿלעבונג: די אינדוסטריע, דער אײַזנבאַן-בוי, דער עקספּאָרט האַלטן כסדר אין וואַקסן, די צאָל אַרבעטער פֿאַרגרעסערט זיך, די אַלגעמיינע שטימונג איז אָפּטימיסטיש. עס איז די צײַט פֿון די ליבעראַלע רעפֿאָרמעס און דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון די ליבעראַלע שטימונגען אין דער רוסישער געזעלשאַפֿט. בײַ יידן איז די דאָזיקע צײַט פֿאַרבונדן מיטן אויפֿקום פֿון דער מאָדערנער גרויס-בורזשואַזיע. סוף 70ער יאָרן בײַט זיך ראַדיקאַל די אַלגעמיינע ווירטשאַפֿטלעכע קאָניונקטור, וועלכע ווערט נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט אין די 80ער יאָרן, אַ דאַנק דעם שווערן אַגראַר-קריזיס, וואָס אייראָפּע האָט דעמאָלט דורכגעמאַכט און וועלכער האָט זיך געמוזט אָפּרופֿן גאָר שטאַרק אויף אַזאַ אַגראַרלאַנד, ווי רוסלאַנד. דער תּבֿואה-עקספּאָרט פֿאַלט און נאָך שטאַרקער פֿאַלן די תּבֿואה-פּרײַזן. דער פּויער ווערט פֿאַראָרעמט און גלײַכצײַטיק ווערט אויך פֿאַרלאָרן דער וויכטיקסטער קאָנסומענט פֿון דער שטאָטישער ווירטשאַפֿט. די אינדוסטריע מאַכט דורך אַ שווערן קריזיס, וועלכער געדויערט גאַנצע זיבן יאָר (1881—1887). אין משך פֿון דער דאָזיקער צײַט איז אויסערגעוויינטלעך אויסגעוואַקסן די אַרבעטלאָזיקייט בײַ דער פֿאַבריק-אַרבעטערשאַפֿט. די ווירטשאַפֿטלעכע דעפּרעסיע האָט דעמאָלט געפֿירט צו דער נײַער כוואַליע פֿון רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם, וועלכע האָט פֿאַרכאַפּט אַ גרויסן טייל פֿון אייראָפּע און האָט אָנגענומען באַזונדערס שאַרפֿע פֿאָרמען אין רוסלאַנד. דאָס האָט אַרויסגערופֿן די גרויסע כוואַליע פֿון עמיגראַציע, וועלכע האָט אין משך פֿון איינציקע צענדלינג יאָר אַריבערגעטראָגן איבער די גרענעצן פֿון אייראָפּע עטלעכע מיליאָן יידן. די 90ער יאָרן ברענגען ווידער אַ ווירטשאַפֿטלעכן אויפֿשטײַג, וועלכער יאָגט אַריבער לויט זײַן טעמפּ און פֿאָרנעם, באַזונדערס וואָס איז שייך רוסלאַנד, דעם אויפֿשטײַג פֿון די זעכציקער יאָרן און לייגט דערמיט דעם יסוד פֿאַר דער רוסישער — און ניט אין קלענערער מאָס אויך פֿאַר דער יידישער — אַרבעטער-באַוועגונג.

די יידישע אַרבעטערשאַפֿט ציט איר יחוס ניט פֿון דאָרף, ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל בײַ דער אַרומיקער ניט-יידישער באַפֿעלקערונג, נאָר פֿון דער יידישער שטאָט און פֿון שטעטל. די טראַדיציעס און די דערציִונג פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט זײַנען מהאי טעמא געווען גאַנץ אַנדערע, ווי בײַ דעם ניט-יידישן. דער יידישער אַרבעטער שטאַמט טיילווײַז פֿון די שוין פֿריער דערמאָנטע ניט-קוואַליפֿיצירטע שוואַרק-

---

11 זע „Недельная Хроника Восхода“, 1882, נר' 22.

12 דאָרטן, 1883, נר' 6.

אַרבעטער, צום גרעסטן טייל אָבער איז ער פֿאַרבונדן, לויט זײַנע טראַדיציעס און זײַן אָפּשטאַם, מיט דער אַלטער ייִדישער מלאָכה. דערמיט דערקלערט זיך די באַזונדערע סאָציאַל-עקאָנאָמישע סטרוקטור פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס ער איז בעיקר געבליבן אין די אַלטע טראַדיציאָנעלע ייִדישע פֿאַכן און האָט ניט געקראָגן קיין פּלאַץ אין דער נײַ אויפֿגעקומענער גרויס-אינדוסטריע. דאָס מאַכט אָבער אויך פֿאַרשטענדלעך, פֿאַר וואָס אויפֿן געביט פֿון אָרגאַניזאַציע, עקאָנאָמישן קאַמף און פּאָליטישער טעטיקייט האָט דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט זיך ניט זעלטן שטאַרק אויסגעטיילט פֿון דעם שכנותדיקן ניט-ייִדישן. דער ייִדישער אַרבעטער האָט מיטגעבראַכט אין וואַרשטאַט און אין פֿאַבריק טראַדיציעס, וואָס האָבן אים טיילווײַז אויך געקענט צונוץ קומען בײַ די נײַע פֿאַרענדערטע תּנאים. מען קען אַגבֿ די דאָזיקע דערשײַנונג פֿעסטשטעלן אויך אין דער געשיכטע פֿון דער אייראָפּעישער אַרבעטער-באַוועגונג. אין דײַטשלאַנד, אַ שטייגער, זײַנען עס ניט געווען די באַרג-אַרבעטער אָדער די אַרבעטער פֿון די גרויסע מעטאַל-פֿאַבריקן, נאָר די דרוקער און די אַרבעטער פֿון אַנדערע מלאָכה-פֿאַכן, וואָס זײַנען געווען די פּיאָנערן פֿון דער מאָדערנער אַרבעטער-באַוועגונג. שפּורן פֿון קלאַסן-היפּוכים און קלאַסנקאַמף בײַ ייִדן לאָזן זיך פֿעסטשטעלן שוין בײַ די בעל-מלאָכהשע חבֿרות. פֿונדאַנען האָבן אויך די פּועלים איבערגענומען די פֿאָרמען און טראַדיציעס פֿון אָרגאַניזאַציע.

וועגן דעם ערשטן אונדז באַקאַנטן פּרוּוו צו גרינדן אַ חבֿרה פֿון ייִדישע שנײַדער-פּועלים אין מינסק אָנהייב די פֿערציקער יאָרן האָבן מיר אויבן דערמאָנט. פֿון די פֿופֿציקער יאָרן איז אונדז באַקאַנט אַ נײַער ענלעכער פּרוּוו פֿון ייִדישע פּועלים אין מאָהילעוו, וועלכער איז דאָס מאָל גראָד געראָטן:[13] די ייִדישע פּועלים בײַ די דאַמען-שנײַדערס האָבן זיך אָפּגעטיילט פֿון דער אַלטער חבֿרה, ווו זיי זײַנען געווען צוזאַמען מיט די בעלי-בתּים, און געבילדעט אַ חבֿרה פֿאַר זיך. אין אָנהייב פֿון זייער טעטיקייט האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין שווערע צרות און רדיפֿות סײַ מצד די מײַסטערס, סײַ מצד דער פּאָליציי. מען האָט איין מאָל אַפֿילו אַרעסטירט די גאַנצע פֿאַרוואַלטונג פֿון דער חבֿרה, און נאָר אַ דאַנק דער סאָלידאַרישער אונטערשטיצונג און איבערגעגעבנקייט פֿון אַלע חבֿרים, האָט זיך אײַנגעגעבן זיי צו באַפֿרײַען. דער טאָג פֿון זייער באַפֿרײַונג איז נאָך אַ סך יאָרן שפּעטער געפֿײַערט געוואָרן ווי אַ יום-טובֿ. די דאָזיקע חבֿרה האָט אויסגעפֿירט אַלע פֿונקציעס פֿון די טראַדיציאָנעלע חבֿרות פֿון בעלי-מלאָכות, ווי למשל, מאַטעריעלע אונטערשטיצונג אין פֿאַל פֿון קראַנקייט אָדער טויט; די חבֿרה-מיטגלידער זײַנען געגאַנגען אויף „לינות“ צו קראַנקע חבֿרים, האָבן געזאָרגט וועגן דער לוויה פֿון אַ פֿאַרשטאָרבענעם חבֿר. די חבֿרה האָט זיך אָבער אַחוץ דעם אויך פֿאַרנומען מיטן קאַמף פֿאַר עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פֿאַרבעסערונגען אין פּרט פֿון שכירות און אַרבעט-צײַט. עס איז איר דערפֿאַר ניט זעלטן אויסגעקומען צו שטיין אין קאַמף קעגן די מײַסטערס. זי האָט ווײַטער אַכטונג געגעבן, אַז נאָר מיטגלידער פֿון דער חבֿרה זאָלן אָנגענומען ווערן אַלס פּועלים. זיכער זײַנען אויך אין אַנדערע ייִדישע שטעט, חוץ מאָהילעוו, געווען פּרוּוון פֿון ייִדישע פּועלים זיך צו אָרגאַניזירן, צו פֿירן אַ קאַמף פֿאַר זייערע אינטערעסן, אָבער לײַדער ווייסן מיר וועגן דעם גאָרניט. די דעמאָלטיקע ייִדישע עפֿנטלעכקייט האָט זיך מיט אַזעלכע „קלייניקייטן“ ניט אינטערעסירט, און שפּעטער, נאָכדעם ווי די אַרבעטער-באַוועגונג איז שטאַרק אויסגעוואַקסן, זײַנען די דאָזיקע ערשטע שפּורן כּמעט אין גאַנצן פֿאַרשוווּנדן. פֿון די 60ער יאָרן זײַנען אונדז קיין שום פֿאַקטן ניט באַקאַנט. רײַכער איז די כראָניק פֿון די 70ער יאָרן, אָבער דאָ טרעט שוין אַרויס אויף דער סצענע מער דער ייִדישער פֿאַבריק-פּראָלעטאַריאַט, די טאַבאַק- און טעקסטיל-אַרבעטער, ווו דער קאַמף האָט פֿון אָנהייב אָן געמוזט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קאָלעקטיווער אַקציע.

---

13 פג״ל שרה ראַבינאָוויטש, Die Organisationen des jüdischen Proletariats in Russland (קאַרלסרוע 1903).

## II

# די שטרייַק-באַוועגונג בייַ די ייִדישע אַרבעטער

## א. די זיבעציקער יאָרן

איידער מיר טרעטן צו צו דער אייגנטלעכער שטרייַק-כראָניק פֿון די אַרבעטער, ווילן מיר דאָ ברענגען זייער אַ ווערטפֿולן אויסצוג פֿון אַן אַרטיקל, געחתמעט פֿון „איליאַשעוויטש", וואָס איז אָפּגעדרוקט אין „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָלי".[14] דער מחבר פּרוווט דאָ פֿון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט צו געבן אַן ענטפֿער אויף דער ייִדן-פֿראַגע און צו באַווייַזן, אַז די ייִדישע באַפֿעלקערונג באַשטייט ניט אויסשליסלעך פֿון עקספּלוּאַטאַטאָרס, ווי דאָס איז דעמאָלט געווען אָנגענומען אין דאָס רובֿ רעוואָלוציאָנערע קרייַזן, נאָר אַז אויך בייַ ייִדן איז פֿאַראַן אַ פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז פֿאַראינטערעסירט אין אַ רעוואָלוציאָנערער ענדערונג פֿון דער איצטיקער אָרדענונג. דער מחבר באַשרייַבט זייער לעבעדיק אַ סצענע פֿון ייִדישן קלאַסנקאַמף אין איינער פֿון די גרויסע שטעט אין דרום-רוסלאַנד; ווי מ'קען זיך אָנשטויסן — אין אָדעס:

„פֿון מייַנע קינדער-יאָרן האָט זיך אייַנגעקריצט אין מייַן זכּרון אַ בילד, וואָס פֿלעגט זיך אָפֿט איבערחזרן אין איינער פֿון די גרויסע שטעט אין דרום. לאָפּעטע-אַרבעטער (ייִדן), באַוואָפֿנט מיט לאַנגע לאָפּעטעס, און זיפּ-אַרבעטער מיט די רעשעטעס איבערן אַקסל, ענלעך אויף גרויסע פּאַנצערס, האָבן פֿאַרשפּאַרט די גאַנצע גאַס, וווּ עס האָבן געוווינט די גרויסע גבֿירים, די בעלי-בתּים פֿון די קאָלאָסאַלע לאַגערס ווייץ, וואָס איז דאָ צוזאַמענגעבראַכט געוואָרן פֿון אַלע עקן רוסלאַנד אויף עקספּאָרטירן קיין אויסלאַנד. זיי האָבן זיך געוואָלט באַקלאָגן קעגן די עוולות, קעגן דעם צו קליינעם לוין אאַז"וו. אַ דעפּוטאַציע פֿון המון איז חוצפּהדיק געוואָרן אַרויסגעוואָרפֿן אויף דער גאַס. די סטרוּזשעס זייַנען געלאָפֿן נאָך פּאָליציי, די פּאָליציי איז אָנגעקומען, און ווען דער עולם האָט זיך ניט געוואָלט פֿונאַנדערגיין, האָבן זיי אַרויסגענומען די שווערדן און מיט געשווער אין די הענט פֿונאַנדערגעטריבן דעם המון. איך דערמאָן זיך, ווי אַ הויכער אַלטער מאַן, מיט אַ בכּבֿודיקער גרויער באָרד, אַ רייַך געקליידטער ייִד, איז אַרויס פֿון באַלעגערטן הויז און האָט נאָך אונטערגעהעצט די פּאָליציי קעגן דער ייִדישער מאַסע. עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַן אומבאַשרייַבלעכער לאַרעם, ווי נאָר דער דאָזיקער בכּבֿודער ייִד האָט זיך באַוויזן. פֿון המון האָבן אָנגעהויבן פֿליען שטיינער. אָפּגעשטופּט פֿון מויער פֿון זייַן הויז, געשטיצט פֿון אַ צענדלינג פּאָליציי-לייַט, וואָס האָבן געפּאַקט מיט די אָנטבלויזטע שווערדן, איז דער דאָזיקער גרויער עקספּלואַטאַטאָר מיט אימה אָפּגעטראָטן דורך דער גאַס אונטערן האָגל פֿון שטיינער און קללות פֿון ייִדישן המון." דאָ האָבן מיר נאָך אַלץ אַ פּרימיטיווע פֿאָרם פֿון סאָציאַלן קאַמף, וואָס איז ניט פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אויך אַ סך שפּעטער, ווען די אַרבעטער-באַוועגונג איז שוין שטאַרק אויסגעוואַקסן. די אַרבעטער פֿילן נאָך ניט אַזוי זייער באַדייַטונג אין דער פּראָדוקציע.

פֿון דער זעלביקער צייַט זייַנען אונדז שוין אויך באַקאַנט די ערשטע פּרוּוון פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט צו באַנוצן זיך מיט נייַע פֿאָרמען פֿון סאָציאַלן קאַמף — מיט דעם **שטרייַק**.

פֿונוואַנען קומט צום ייִדישן אַרבעטער די אידעע פֿון קאַמף אויפֿן וועג פֿון שטרייַק? עס איז שווער אויף דעם צו געבן אַן ענטפֿער. על כּל פּנים לאָזט זיך מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט פֿעסטשטעלן, אַז די איניציאַטיוו קומט ניט פֿון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ. בייַ די שטרייַקן אין די זיבעציקער און אין דער ערשטער העלפֿט אַכציקער יאָרן איז די אינטעליגענץ לחלוטין ניט געווען באַטייליקט. די ערשטע שטרייַקן

---

[14] „Вестник Народной Воли" נומ' 5, 1886 ז' 100. דער מחבר פֿון אַרטיקל איז דער באַקאַנטער סאָצ'-רעוואָלוציאָנערער טוער רובאַנאָוויטש, וואָס האָט זיך געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים „איליאַשעוויטש".

זײַנען אַפּילו עלטער, ווי די ערשטע פּרוּוון פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע בײַ יידן. אַחוץ דעם האָבן די יידישע סאָציאַליסטן אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן גאָר ווייניק געהאַט צו טון מיט יידישע אַרבעטער. עס איז מעגלעך, אַז טיילווײַז האָבן דאָ געהאַט אַ השפּעה אויסלענדישע — אין דער ערשטער שורה דײַטשע — אַרבעטער. באַזונדערס אין דעם טעקסטיל - ראַיאָן פון ביאַליסטאָק און לאָדזש זײַנען געווען אַ סך דײַטשע אַרבעטער, וואָס האָבן מיטגעבראַכט פון דער היים די נײַע טראַדיציעס פון פּראָלעטאַרישן קאַמף. מיר וועלן ווײַטער זען, אַז צווישן די דײַטשע אַרבעטער זײַנען שוין געווען אויך אַזעלכע, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַנטשיידנדיק איז אָבער בלי ספק דער מאָמענט, וואָס דער שטרײַק איז, אין תּוך גענומען, די נאַטירלעכסטע פאָרם פון פּראָלעטאַרישן קאַמף, און פון זיך אַליין, אָן וועלכע ניט איז בײַשפּילן אָדער אַגיטאַציע, זײַנען די אַרבעטער געקומען צום געדאַנק פון אחדות און געמיינזאַמע אַקציעס. אין אייניקע פאַלן זײַנען עס גראָד געווען דווקא די אונטערנעמער, וואָס האָבן די אַרבעטער דירעקט געוויזן דעם וועג פון סאָלי-דאַריטעט. דער פאַל איז געווען דעמאָלט, ווען דער בעל-הבית האָט רעדוצירט די שכירות, אָדער האָט אין אַן אַנדער פּרט פֿאַרערגערט די אַרבעטס-תּנאים פון די אַרבעטער. היות ווי דאָס פּלעגט אָפט פֿאָרקומען גלײַכצײַטיק פֿאַר אַלע אַרבעטער אין דער פֿאַבריק, האָבן די אַרבעטער, אויף וויפל זיי האָבן זיך ניט געלאָזט דריקן, ווילנדיק ניט ווילנדיק, געמוזט זיך צונויפריידן און בשותּפות אַרויסטרעטן. על כּל פּנים איז קלאָר, אַז בײַ אַרבעטער פון איין אונטערנעמונג איז די פּראַגע פון צונויפריידן זיך געווען לפּי-ערך פּשוטער, ווי בײַ די פּועלים אין די מלאָכה-פאַכן.

דער ערשטער שטרײַק, וועגן וועלכן מיר האָבן גענויע ידיעות, איז פֿאָרגע-קומען אין ווילנע אין דער טאַבאַק-פאַבריק פון שישמאַן און דורונטשאַ, אין נאָוועמבער 1871. מיר ברענגען דאָ דעם טעקסט פון דער מיטטיילונג פון ווילנער גובער-נאַטאָר צום אינערן-מיניסטער וועגן דעם דאָזיקן ענין (פון 19טן נאָוועמבער 1871, נומער 3140):

„דער ווילנער פּאָליציי-מײַסטער האָט מיטגעטיילט, אַז דעם 14טן נאָוועמבער האָבן פינף אַרבעטער פון דער טאַבאַק-פאַבריק פון די קופּצעס (סוחרים) דורונטשאַ און שישמאַן זיך צונויפגערעדט, האָבן געהעכערט דעם אַרבעטספּרײַז אויף צוואַנציק קאָפּיקעס פֿאַר אַ פּוד טאַבאַק פון אַלע סאָרטן, וועגן וואָס זיי האָבן דערלאַנגט דעם בעל-הבית פון פאַבריק אַ שריפטלעכע מעלדונג, און ווען די דאָזיקע פאָדערונג איז ניט געוואָרן באַפרידיקט, האָבן זיי געוואָרפן די אַרבעט און זײַנען אַוועק פון פאַבריק. פון דער אויספאָרשונג, וואָס איז וועגן דעם ענין געמאַכט געוואָרן, איז פעסטגעשטעלט, אַז אין שטרײַק האָבן זיך באַטייליקט די אַרבעטער: דער מעשט-שאַנין פון אָשמענער קרײַז, טראָבער געמיינדע, אײַזיק אבֿרהם לעווין, 28 יאָר, געאַרבעט אויף דער פאַבריק דרײַ חדשים; דער אַדעסער מעשטשאַנין קלמן ווײַנ-שטיין, 22 יאָר, דרײַ יאָר אויף דער פאַבריק; דער פּאָלטאַוועער מעשטשאַנין יאָסל יודעלעוויטש, 29 יאָר, אָנגעקומען אויף דער פאַבריק מיט אַ חודש פריער; דער מאָלדאַוועער אונטערטאַנער, געבאָרן אין איזמאַיל (בעסאַראַבער גוב'), מאָשקע (משה) אַבראַמאָוויטש, 24 יאָר, אַ האַלב יאָר אויף דער פאַבריק; דער זשיטאָמירער מעשט-שאַנין מאַקאַר טשיפּליטשענקאָ, 20 יאָר, אין ווילנע אַן ערך אַ יאָר צײַט; דער באַשלוס וועגן דעם שטרײַק איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער דירה פון דעם יידן יאָסל יודעלעוויטש און, ווי עס פֿאַרזיכערט דער פּאָליציי-מײַסטער, אויך לויט זײַן איניציאַטיוו. דער דאָזיקער ייִד איז געקומען אויף דער פאַבריק פון דורונטשאַ בערך מיט אַ חודש צוריק פון פּאָלטאַוועער גובערניע און וויסנדיק, ווי דאָס איז באַקאַנט פון פּריוואַטע ידיעות, וועגן אַזעלכע שטרײַקן פון פאַבריק-אַרבעטער אין

אָדעס און קרעמענטשוג, האָט ער געוויס געהאַט די כּוונה צו פֿאַרשפּרייטן דאָס דאָזיקע בייז אויך אויף די פֿאַבריקן אין ווילנע."[15]

אויפֿן סמך פֿון גובערנאַטאָרס באַריכט האָט דער גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿאַראָרדנט: יאָסל יודעלעוויטשן, ווי דעם הויפּט-איניציאַטאָר, אַרויסצושיקן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, די איבעריקע פֿיר אַרבעטער מאַכן אַ שטרענגן אויסרייד, און פֿאַררעכענענדיק דעם אַרעסט ווי אַ שטראָף, צו באַפֿרײַען זיי.

ווי עס איז צו זען פֿון באַריכט, האָט מען די אַרבעטער דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן זיך דערוועגט צו שטרייקן, תּיכּף אַרעסטירט. זייער וויכטיק איז אין באַריכט אויך די ידיעה וועגן פֿריערדיקע שטרײַקן פֿון טאַבאַק-אַרבעטער אין אָדעס און קרעמענטשוג, פֿונוואַנען דער אַרבעטער יאָסל יודעלעוויטש האָט דאָס דאָזיקע בייז מיטגעבראַכט. עס קען קיין שום ספֿק ניט זײַן, אַז אויך אין אָדעס און קרעמענטשוג זײַנען עס געווען יִדישע אַרבעטער. די טאַבאַק-אינדוסטריע איז אין דרום געווען דאָס רובֿ אַ יִדישער מאָנאָפּאָל.[16] אין אָדעס האָבן אַפֿילו אויף די קריסטלעכע פֿאַבריקן געאַרבעט על-פּי רובֿ יִדישע אַרבעטער.

וועגן אַ שטרײַק בײַ טאַבאַק-אַרבעטער אין די 70ער יאָרן אין ביאַליסטאָק ווערט דערמאָנט אין דעם זאַמלבוך „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן יִדן אין רוסלאַנד“.[17] דאָרטן האָבן געשטרײַקט די פּרויען, וועלכע האָבן פֿאַרלאַנגט, מען זאָל זיי אָפּטיילן דורך אַ ספּעציעלער מחיצה פֿון די מענער. גענויער זײַנען מיר אינפֿאָרמירט וועגן שטרײַקן פֿון טאַבאַק-אַרבעטער אין 1875, וועלכע זײַנען באַשריבן אין דעם באַקאַנטן רעוואָלוציאָנערן זשורנאַל „וופּעריאָד“.[18] אין דעם דאָזיקן זשורנאַל, וואָס האָט דערשײַנט אין לאָנדאָן, זײַנען געווען געדרוקט אַ ריי קאָרעספּאָנדענצן פֿון ליטע און ווײַס-רוסלאַנד, און ווי ס'איז איצט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, איז זייער מחבר געווען דער באַקאַנטער פּיאָנער פֿון יִדישן סאָציאַליזם, אהרון ליבערמאַן, וואָס האָט געאַרבעט אין דער דרוקערײַ פֿון „וופּעריאָד“. אין איינער פֿון די דערמאָנטע קאָרעספּאָדענצן געפֿינען מיר די ווײַטערדיקע אויספֿירלעכע באַשרײַבונג פֿון דער טאַבאַק-אינדוסטריע אין די צפֿון-מערבֿדיקע גובערניעס: „די טאַבאַק-פֿאַבריקן זײַנען ניט קיין גרויסע. אין ווילנע זײַנען פֿאַראַן פֿינף, אין קאָוונע און דינאַבורג (דווינסק) צו צוויי און אין די איבעריקע גובערניאַלע שטעט דוכט זיך צו איינער“. ווײַטער ווערט באַשריבן די גאַנצע טעכניק פֿון דער אַרבעט, וואָס האָט הײַנט פֿאַר אונדז ניט קיין באַזונדערן אינטערעס. דער מחבר שטעלט זיך אָפּ באַזונדערס אויספֿירלעך אויף דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע פֿון די פּרויען. אינטערעסאַנט איז אויך דער פֿאַקט, וואָס די פֿאַבריקאַנטן האָבן אײַנגעאָרדנט אַ הילפֿס-קאַסע אויפֿן פֿאַל פֿון קראַנקייט, די הוצאות זײַנען געדעקט געוואָרן דורך אָפּצאָלן, וועלכע די בעלי-בתּים פֿלעגן אַראָפּרעכענען יעדער מאָל פֿון דעם לוין: „די אָפּצאָלן פֿלעגן די בעלי-בתּים פּינקטלעך אַראָפּרעכענען, אָבער באַקומען בײַ זיי וועלכע ניט איז סומע איז געווען זייער שווער“. אין דער זעלביקער קאָרעספּאָנדענץ ווערט ווײַטער אַזוי דערציילט וועגן אַ שטרײַק פֿון די טאַבאַק-אַרבעטער:

„אָבער ניט אַלע מאָל טראָגן די אַרבעטער געדולדיק אַריבער די עוולות, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין מצד זייערע בעלי-בתּים. עס טרעפֿט אַמאָל, אַז די געדולד גייט אויס, און עס ברעכט אויס אַ ש ט ר ײַ ק, הגם דער דאָזיקער טעכנישער אויסדרוק איז נאָך

---

15 Э. А. Корольчук, Рабочее движение семидесятых годов; p. 42. Москва 1934.

16 די אויבן דערמאָנטע פֿאַבריק פֿון שישמאַן און דורונטשאַ איז געווען אַ קאַראַימישע פֿירמע; די קאַראַימער זײַנען בכלל געווען שטאַרק פֿאַרטראָטן אין דער טאַבאַק-אינדוסטריע.

17 Революционное движение среди евреев (מאָסקווע, 1930) ב׳ 1, ז׳ 94.

18 „Вперед“ 1875. נר׳ 23.

אונדזערע אַרבעטער כמעט ווי ניט באַקאַנט. אין דער שטאָט נ. (דאָס האָט פּאַסירט נאָך גאָר ניט לאַנג, און דערפאַר איז איבער גאָר פאַרשטענדלעכע טעמים ניט באַקוועם אָנצו-רופן די שטאָט מיטן נאָמען)[19] האָבן די פאַבריקאַנטן זיך צונויפגערעדט צו פאַרקלענערן די שכירות פון די אַרבעטער אויף 20 פּראָצענט. די אַרבעטער האָבן זיך געקאַמפּערט, געדונגען, אָבער לסוף האָבן זיי נאָכגעגעבן. יעדער פאַבריקאַנט האָט דערקלערט זיינע אַרבעטער, אַז אַפילו אין וואַרשע צאָלט מען ניט מער, און דאָרטן זיינען דאָך די הוצאות אויף די נייטיקסטע לעבנס-באַדערפענישן גאָר ניט דער ערך העכער. אַז די פאַבריקאַנטן האָבן זיך פריער צונויפגערעדט—דאָס איז די אַרבעטער גאָר ניט איינגעפאַלן, מחמת ניט אַלע אַרבעטער קריגן דעם גלייכן לוין, און אַפילן די שכירות פון איינער און דער זעלביקער קאַטעגאָריע אַרבעטער זיינען אויף די פאַרשיידענע פאַבריקן ניט די זעלביקע. אָבער שפּעטער זיינען די אַרבעטער געוואָר געוואָרן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און אין אַ שיינעם ווינטערדיקן פרימאָרגן האָבן די בעלי-בתים באַמערקט, אַז פון די ציגאָרן- און פּאַפּיראָסן-מייסטערס איז קיין איינציקער ניט געקומען, די איבעריקע אַרבעטער אָבער זיינען אַלע יאָ געקומען. מען שיקט אָנפרעגן צו איינעם, צום צווייטן, יעדערער גיט אַן אַנדער תירוץ: איינער איז קראַנק, האָט זיך פאַרקילט, דער צווייטער וויל בכלל אָוועקוואַרפן די אַרבעט, דער דריטער קען ניט אַרבעטן פאַר די שכירות, וואָס דער בעל-הבית לייגט פאָר אאַז״וו. די בעלי-בתים וואַרטן אַ טאָג, צוויי—באַגרייפן ניט, וואָס קומט דאָ אייגנטלעך פאָר. עפּעס ניט קיין פּשוטע דערשיינונג. אין פלוג איז דוכט זיך קיין שום שטרייק ניטאָ, און דאָך — אַזוי ווי אַלע וואָלטן זיך צונויפגערעדט. אַזוי זיינען אַריבער עטלעכע טעג. ערשט האָט נאָכגעגעבן איין פאַבריקאַנט, דערנאָך אַ צווייטער—און מען האָט ווידער געהעכערט די שכירות, הגם ניט אויף דער זעלביקער הייך ווי פריער. שפּעטער האָבן אויך די איבעריקע אַרבעטער געמאָלדן זייערע פאָדע-רונגען, דערביי האָבן זיי אַרויסגעשטעלט די טענה, אַז עס איז ניט יושרדיק, זיי זאָלן צוליב זייער געהאָרכזאַמקייט ווערן באַעוולט, בעת מען האָט די פאָדערונגען פון יענע, וואָס האָבן זיך געבונטעוועט, יאָ באַפרידיקט. נאָך אייניקע קווענקלענישן האָבן די בעלי-בתים נאָכגעגעבן, זיי האָבן זיך דערשראָקן, אַז די דאָזיקע געשיכטע זאָל זיך ניט איבערחזרן פון דאָס ניי״...

„נאָר אָט איז אַ צווייטער ביישפּיל פון אַ שטרייק, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל״. די טאַבאַק-צושניידערס אין דער פאַבריק פון די קאַראַימער שישמאַן און דורונטשאַ אין ווילנע—ווערט דערציילט אין דעם זעלביקן באַריכט—האָבן זיך צונויפ-גערעדט און באַשלאָסן אַרויסצוגיין אין שטרייק, כדי זיך צו דערשלאָגן אַ העכערונג פון די שכירות און נאָך אַנדערע פאַרבעסערונגען. זיי האָבן זיך אויך פאַרבונדן מיט די אַרבעטער פון די אַנדערע טאַבאַק-פאַבריקן, כדי קיינער זאָל ניט גיין אויף זייער פּלאַץ אַרבעטן. „נאָך די טאַבאַק-שניידערס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן רירן די אַנדערע אַרבעטער. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע צווישן אַלע טאַבאַק-אַרבעטער אַרויסצושטעלן זייערע פאָדערונגען, ווען דער שטרייק פון די מייסטערס וועט זיך גינסטיק פאַרענדיקן. צווישן אַנדערע האָבן די אַרבעטער באַשלאָסן אויך צו פּראָטעסטירן קעגן דער אוממענטש-לעכער באַהאַנדלונג פון זייערע חברים—די אַרבעטערינס (מיידלעך), און פאַרלאַנגען, אַז די אַרבעטער-קאַסע זאָל איבערגיין אונטער דער השגחה פון אויסגעקליבענע פון די אַרבעטער גופא, אָן וועלכער ניט איז אַריינמישונג מצד די פאַבריקאַנטן. די מייסטערס האָבן אָנגעהויבן דעם שטרייק און די איבעריקע אַרבעטער האָבן אָפּגעוואַרט און זיך געגרייט צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק פון די אַרבעטער פון אַלע פאַבריקן (אין ווילנע זיינען דעמאָלט געווען פיר פאַבריקן). „דער שטרייק האָט זיך אָבער פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל. די בעלי-בתים האָבן זיך געווענדט צו דער פּאָליציי, צוויי פון די „איני-ציאַטאָרן״ האָט מען אַרויסגעשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע: איינעם אויף אַ יאָר,

[19] עס איז שווער פון טעקסט פעסטצושטעלן, וואָס פאַר אַ שטאָט ווערט דאָ געמיינט.

דעם אַנדערן אויף דרײַ יאָר. די איבעריקע אָנגעשראָקענע אַרבעטער האָבן זיך ווידער געשטעלט צו דער אַרבעט".

פֿאַר די 70ער יאָרן איז אונדז נאָך אויך באַקאַנט אַ שטרײַק פֿון טאַבאַק-אַרבעטער אין אָדעס אין 1879, אין דער פֿאַבריק פֿון פּאָפּאָוו, דערפֿאַר וואָס די פֿאַבריקאַנטן האָבן געוואָלט אײַנפֿירן מאַשינעס.[20]

אין די זיבעציקער יאָרן האָבן גראָד די טאַבאַק-אַרבעטער אַרויסגעוויזן מער אַקטיווקייט און ווידערשטאַנד פֿון די אַנדערע. אין דער שפּעטערדיקער צײַט האָט זיך דאָס שטאַרק געביטן. אין די נײַנציקער יאָרן און אָנהייב פֿון אונדזער יאָרהונדערט קומען נאָך אויך פֿאָר גרויסע שטרײַקן בײַ די טאַבאַק-אַרבעטער, אָבער זיי מאַרשירן שוין ניט מער אין דער שפּיץ פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג. דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס אין משך פֿון דער צײַט האָט זיך שטאַרק געביטן די טעכניק פֿון דער אַרבעט. אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן איז אַ גרויסער טייל טאַבאַק-אַרבעטער באַשטאַנען פֿון הויך-קוואַליפֿיצירטע פֿאַכמענער, וועלכע מען האָט שווער געקענט פֿאַרבײַטן. דעם גרעסטן טייל פֿון די דאָזיקע פֿאַכמענער פֿלעגט מען ברענגען פֿון דרום; אין אָדעס זײַנען אַפֿילו די קריסטלעכע פֿאַבריקאַנטן געווען געצוווּנגען אָנצוקומען צו יידישע אַרבעטער. שפּעטער האָט בהדרגה די מאַשין אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגעשטופּט גראָד אַ באַדײַטיקן טייל פֿון די פֿאַכמענער. מיט דער צײַט ווערט אַ גרויסער טייל פֿון די מענער-אַרבעטער פֿאַרביטן דורך פֿרויען און קינדער; סוף נײַנציקער יאָרן האָבן די מענער-אַרבעטער אין דעם פֿאַך ניט אויסגעמאַכט מער ווי איין דריטל פֿון אַלע אַרבעטער. אויך אין פּרט פֿון דער צאָל באַשעפֿטיקטע איז דער דאָזיקער פֿאַך שפּעטער ניט געוואַקסן דערפֿאַר, וואָס מען האָט אײַנגעפֿירט מאַשינעס. די גרעסטע צאָל אַרבעטער אין דער טאַבאַק-אינדוסטריע פֿאַלט אויס אויף מיטן די נײַנציקער יאָרן; שפּעטער האָט זיך זייער צאָל פֿאַרקלענערט.

דאָס צווייטע וויכטיקע געביט, ווו עס איז שוין אין די 70ער יאָרן געווען אַ היפּשער יידישער פֿאַבריק-פּראָלעטאַריאַט, איז די טעקסטיל-אינדוסטריע. די געשיכטע פֿון די יידישע וועבער-אַרבעטער בילדעט איינע פֿון די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג.

די טעקסטיל-אינדוסטריע אין געביט פֿון דעמאָלטיקן יידישן תּחום איז געווען קאָנצענטרירט כּמעט אויסשליסלעך אין ביאַליסטאָקער און לאָדזשער ראַיאָן. וואָס איז נוגע לאָדזש, האָבן מיר ביז דער צווייטער העלפֿט 90ער יאָרן קיין שום ידיעות ניט וועגן אַרבעטער-פֿאַראייניגן אָדער שטרײַקן פֿון יידישע וועבערס. וועגן פּוילן בכלל זײַנען מיר אַ סך ווייניקער אינפֿאָרמירט, ווי וועגן ליטע. טיילווײַז האָט דאָ געשפּילט אַ ראָלע דער פֿאַקט, וואָס גראָד אין פּוילן איז געווען זייער אַ באַדײַטיקער ניט-יידישער פּראָלעטאַריאַט און דער יידישער האָט דאָ רעלאַטיוו פֿאַרנומען אַ קליינעם פּלאַץ. באַזונדערס אין דעם קאָלאָסאַלן אינדוסטריע-צענטער לאָדזש, ווו עס זײַנען געווען קאָנצענטרירט צענדליגער טויזנטער קריסטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן דערצו נאָך פֿילשטענדיק באַהערשט די גרעסטע פֿאַבריקן, האָט זיך דער לפּי-ערך קליינער יידישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז געווען באַשעפֿטיקט אין קליינע פֿאַבריקן, כּמעט ניט אָנגעזען. אַ סך האָבן אַפֿילו ניט געוווּסט, אַז עס עקסיסטירט אַזאַ מין ווי אַ יידישער פֿאַבריק-אַרבעטער. דער לעצטער האָט דאָ דעריבער ווייניקער געפֿילט זײַן כּוח. טיילווײַז איז דאָ אפֿשר אויך שולדיק, וואָס דער מאַטעריאַל וועגן פּוילן איז ווייניקער אויסגעפֿאָרשט. מען דאַרף רעכענען, אַז אַ מער גרינדלעכער קאָנטראָל פֿון דער פּעריאָדישער פּרעסע און די פּאָליציי-אַרכיוון אין פּוילן וועט פֿאַר אונדז נאָך אויפֿדעקן אַ סך ביז אַהער אומבאַקאַנטע פֿאַקטן און וויכטיקע געשעענישן, וואָס וועלן געבן אַ מעגלעכקייט צו שאַפֿן זיך אַ קלאָרער בילד פֿון דעם באַגינען

20 ע. קאָראַלטשוק, דצ"וו ז' 237.

פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין פּוילן. אַנדערש איז אָבער אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן, ווו דער ייִדישער אַרבעטער האָט תּמיד, אויך אין פֿאַרגלײַך מיט די קריסטלעכע אַרבעטער, געבילדעט גאָר אַ באַדײַטיקן כּוח. פֿאַר ביאַליסטאָק האָבן מיר לפֿי-ערך, אין פֿאַרגלײַך מיט אַלע אַנדערע פּונקטן אין דעמאָלטיקן ייִדישן תּחום, גאָר אַ רײַכן מאַטעריאַל. אַזוי אַז מען קען מיט אַ רויִקן געוויסן שוין הײַנט רעדן וועגן אַ געשיכטע פֿון אַ ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין ביאַליסטאָק.

מיט אַ געוויסער אייגנאַרטיקייט צייכנט זיך אויס די טעקסטיל-אינדוסטריע לגבי די איבעריקע ייִדישע פֿאַכן – וואָס זי איז געווען באַזונדערס שטאַרק שפּירעוודיק צו די וואַקלענישן אין דער קאָניונקטור: אין די גוטע יאָרן פֿלעגט זיך הייבן די פּראָדוקציע און גלײַכצײַטיק די רווחים אין אַן אויסערגעוויינטלעכן פֿאַרנעם, אין די שוואַכע יאָרן אַקעגן האָט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט, טויזנטער אַרבעטער פֿלעגן ווערן אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן גאַס און די לוינען אויסערגעוויינטלעך פֿאַרקלענערט. דאָס האָט אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע אָפּט באַזונדערס פֿאַרשאַרפֿט די קאָנפֿליקטן צווישן די פֿאַבריקאַנטן און די אַרבעטער.

לויט ידיעות פֿון יאָר 1887,[21] זײַנען אין ביאַליסטאָק געווען 79 ייִדישע טעקסטיל-פֿאַבריקן, וואָס האָבן צוזאַמען באַשעפֿטיקט 2.077 אַרבעטער, דערפֿון זײַנען 1.268, ד״ה מער ווי זעכציק פּראָצ׳, געווען ייִדן. אין די שטעטלעך אַרום ביאַליסטאָק זײַנען געווען 66 ייִדישע טעקסטיל-פֿאַבריקן מיט 957 אַרבעטער, דערפֿון 769 ייִדן. דאָ האָבן די ייִדישע אַרבעטער אויסגעמאַכט גאַנצע פֿיר פֿינפֿטל פֿון דער אַלגעמיינער צאָל באַשעפֿטיקטע בײַ ייִדישע פֿאַבריקאַנטן. פֿון די דאָזיקע ציפֿערן זעען מיר, אַז בדרך כּלל זײַנען די אונטערנעמונגען געווען ניט קיין גרויסע: אין ביאַליסטאָק באַטרעפֿט די דורכשניטלעכע צאָל אַרבעטער אויף איין ייִדישער טעקסטיל-פֿאַבריק 26, אין דער פּראָווינץ – ניט מער ווי 15. די גאָר גרויסע פֿאַבריקן האָבן דאָ געהערט כּמעט אויסשליסלעך צו דײַטשע פֿאַבריקאַנטן, און דאָרט זײַנען קיין ייִדישע אַרבעטער ניט געווען.

שוין אין יאָר 1870 ווערט דערמאָנט אַ שטרײַק פֿון וועבערס אין ביאַליסטאָק.[22] ליידער זײַנען אונדז פּרטים וועגן דעם דאָזיקן שטרײַק ניט באַקאַנט און מיר ווייסן אויך ניט, צי זײַנען דאָ געווען באַטייליקט ייִדישע אַרבעטער. אַ סך גענויערע ידיעות האָבן מיר וועגן די שטרײַקן סוף די 70ער יאָרן, וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען אין ביאַליסטאָק און אין אייניקע דערבײַיִקע שטעטלעך.

נאָך אַ שווערן קריזיס, וועלכע די ביאַליסטאָקער אינדוסטריע האָט דורכגעמאַכט אין 1876, האָט זיך אין משך פֿון 1877 די לאַגע ראַדיקאַל געבעסערט. די טערקיש-רוסישע מלחמה האָט געבראַכט פֿאַר דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע אַן אויסערגעוויינטלעכע אויפֿלעבונג. די פֿאַבריקאַנטן זײַנען אַפֿילו ניט געווען אין שטאַנד אויסצופֿירן אַלע באַשטעלונגען. „עס איז געווען אַ גאָלדענע צײַט פֿאַר די פֿאַבריקאַנטן, ווען זיי האָבן פֿאַרדינט הויפֿנס מיט געלט", שרײַבט אַ קאָרעספּאָנדענט אין „ראַזסוועט";[23] דער נאָכפֿרעג אויף אַרבעטער איז כּסדר געוואַקסן. דערמיט האָבן זיך די אַרבעטער באַנוצט כּדי זיך צו דערשלאָגן גינסטיקערע אַרבעטס-תּנאים. עס הייבט זיך אָן אַ שטרײַק-באַוועגונג, וועלכע פֿאַרכאַפּט דעם גאַנצן ביאַליסטאָקער אינדוסטריע-ראַיאָן. אויספֿירלעכע שילדערונגען וועגן די דאָזיקע אָפּט זייער פֿאַרביטערטע קאַמפֿן געפֿינען מיר סײַ אין דער דעמאָלטיקער פּעריאָדישער ליטעראַטור, סײַ אין די באַריכטן פֿון דער פּאָליציי, פֿון וועלכע מיר גיבן ווײַטער אייניקע אויסצוגן:

---

21 זע סובאָטין, דצ״וו, ז׳ 59–60.

22 זע ל. מאַרטאָוו, די אַנטוויקלונג פֿון דער גרויס-אינדוסטריע און די אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד (רוסיש), ז׳ 12.

23 Разсвет, 1880, № 49.

אין באַריכט פֿון דעם שעף פֿון זשאַנדאַרמעריע-פֿאַרוואַלטונג פֿאַר גראָדנער גובערניע צו דער באַרימטער „דריטער אָפּטיילונג" פֿון פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג, פֿון 27סטן אָקטאָבער 1878, אונטערן נומער 354, לייענען מיר: „זינט האַרבסט 1877 האָבן זיך אָנגעהויבן סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און די בעלי-בתּים פֿון די פֿאַבריקן, וואָס האָבן נאָך עד-היום ניט אויפֿגעהערט. די הויפּט-סיבה פֿון די דאָזיקע סיכסוכים איז די פֿראַגע וועגן שכירות, וועלכע די אַרבעטער פֿאַרלאַנגען מען זאָל זיי העכערן, באַזונדערס דערפֿאַר, ווייל אַ דאַנק דער אײַנפֿירונג פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם גאָלדצאָל זײַנען די געשעפֿטן אַזוי אַוועק אַזוי גלענצנד, אַז די פֿאַבריקאַנטן זײַנען גאָר ניט ביכולת אויסצופֿירן אַלע באַשטעלונגען, וואָס זיי באַקומען".[24] זייער ווערטפֿול איז די ווײַטערדיקע נאָטיץ, וואָס מיר געפֿינען אין אַן אומלעגאַלן רוסישן זשורנאַל, וואָס איז אמת געשריבן מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אָבער זיכער לויט ידיעות פֿון מענטשן, וואָס האָבן עס אַליין דורכגעלעבט: „אין יאָר 1877, בעת דער רוסיש-טערקישער מלחמה, האָט זיך געעפֿנט דער רומענישער גרענעץ, גלייכצײַטיק האָט זיך פֿאַרגרעסערט דער נאָכפֿרעג אויף געוואַנט, וואָס איז מאַסנווײַז אַרויסגעפֿירט געוואָרן קיין אויסלאַנד. עס האָט זיך פֿאַרגרעסערט די פּראָדוקציע און צוזאַמען דערמיט דער נאָכפֿרעג אויף אַרבעטער. ווי נאָר די אַרבעטער האָבן דאָס באַמערקט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו פֿאָדערן, מען זאָל זיי צאָלן פֿון מאָטעק און ניט פֿון אַרשין, ווי אויך מען זאָל זיי העכערן די שכירות. די פֿאַבריקאַנטן האָבן דערויף ניט מסכּים געווען. די אַרבעטער האָבן דעמאָלט פֿאַרשטרײַקט און נאָך אַ דרײַטאָגיקן קאַמף זײַנען די בעלי-בתּים געווען געצוווּנגען נאָכצוגעבן. די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו פֿאַרדינען 10—12 און 15 רובל אַ וואָך. דאָס איז געווען אַ גאָלדענער פּעריאָד אין לעבן פֿון די אַרבעטער".[25]

ווי מיר האָבן געזען פֿון אויבן ציטירטן פּאָליציי-באַריכט, האָבן די קאָנפֿליקטן — אָדער „מיספֿאַרשטייעניש" — געדויערט אַ לאַנגע צײַט און האָבן זיך זיכער ניט באַגרענעצט נאָר מיט דעם דרײַטאָגיקן שטרײַק. אין מערץ 1878, ווי עס מעלדעט אַ באַריכט פֿון שוין דערמאָנטן שעף פֿון דער גראָדנער גוב' זשאַנדאַרמעריע צום גראָדנער גובערנאַטאָר פֿון 27סטן אָקטאָבער 1878, נו' 355, „איז אויסגעבראָכן אַ שטרײַק פֿון 105 אַרבעטער אויף אַכט פֿאַבריקן אין דעם שטעטל קינישין בײַ ביאַליסטאָק, ווייל די בעלי-בתּים האָבן געקירצט דעם לוין פֿון 23 אויף 18 קאָפּ' אויף אַן אַרשין אויסגעאַרבעטע סחורה".[26] פֿון אַן אַנדער מקור דערוויסן מיר זיך, אַז אין מאַי 1878 האָבן אין סופּראַסל (אַ שטעטל אין ביאַליסטאָקער קרײַז) געשטרײַקט 134 אַרבעטער.[27]

אין דער צײַט פֿון דער רוסיש-טערקישער מלחמה, ד"ה 1877—1878 (גענוי איז די צײַט ניט אָנגעגעבן), איז, ווי עס ווערט דערציילט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „ראַזסוועט", פֿאָרגעקומען אַ שטרײַק אין שטעטל רוזשינאָי [רוזשאַני, גראָדנ' גוב'] אין דער פֿאַבריק פֿון פּינעס. „בעת דער גרויסער אויפֿלעבונג האָבן די אַרבעטער געפֿאָדערט צו העכערן די שכירות, די בעלי-בתּים אָבער האָבן דערפֿון גאָר ניט געוואָלט הערן. די אַרבעטער זײַנען דעמאָלט אַרויס אין שטרײַק. אויף די פֿאַבריקאַנטן האָט אָבער אויך דאָס ניט געווירקט. ניט געקוקט דערויף, וואָס דער שטרײַק האָט זיי געבראַכט קאָלאָסאַלן היזק, וועלכער האָט דערגרייכט, ווי מען זאָגט, ביז פֿערציק טויזנט רובל, האָבן די פֿאַבריקאַנטן דאָך ניט מסכּים געווען אויף דער קלענסטער הוספֿה. זיי האָבן דאָס

---

[24] קאָראָלטשוק, דצ"וו, ז' 167.

[25] „Рабочее дело" 1899, נו' 4—5. דער סאָצ' רוס' זשורנאַל „ראַבאָטשעיע דעלאָ" פֿלעגט דערשײַנען אין זשענעווע אונטער דער רעד' פֿון ב. קריטשעווסקי, אַקימאָוו און שפּעטער אויך מאַרטינאָוו; האָט פֿאַרטראָטן דעם א"ג „עקאָנאָמיזם" אין דער רוסישער סאָצ'-דעמאָקראַטיע.

[26] קאָראָלטשוק, דצ"וו, ז' 168.

[27] Невский, От Земли и Воли к Группе Освобождение Труда; р. 61.

מאָטיווירט דערמיט, וואָס מען טאָר דעם אַרבעטער ניט לאָזן „אויפֿהייבן דעם קאָפּ". דער שטרייַק האָט זיך געצויגן אַכט וואָכן און האָט די אַרבעטער פֿולשטענדיק בדלות געשטעלט".[28] די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ איז אין אַ סך אַנדערע פּרטים זייער אינטערעסאַנט און וויכטיק. דער שרייַבער שילדערט די גרויסע נויט פֿון די אַרבעטער, די עקספּלואָטאַציע-מעטאָדן פֿון די בעלי-בתּים. אַזוי, צום בייַשפּיל, האָבן די פֿאַבריקאַנטן געהאַט צווישן זיך אָן אָפּמאַך ניט אָנצונעמען קיין אַרבעטער איינער פֿון דעם אַנדערן, כּדי דער אַרבעטער זאָל ניט מיינען, אַז ער איז פֿרייַ און ער קען זיך זוכן אַ פּלאַץ, ווו ער וויל. דער קאָרעספּאָנדענט קריטיקירט זייער שאַרף די פֿאַבריקאַנטן און האָט גאַנץ דייַטלעך די כּוונה צו „שטעמפּלען" זייער פֿירונג לגבי די אַרבעטער פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט. מיר וועלן ווייַטער זען, אַז דאָס איז ניט די איינציקע קאָרעספּאָנדענץ אין דער דעמאָלטיקער לעגאַלער פּרעסע פֿון דעם מין. אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג און דער פּראָפּאַגאַנדע פֿון סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען בייַ ייִדן האָבן אַזעלכע קאָרעספּאָנדענצן אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָלע. דער זעלביקער מחבר (ל. א. מינץ) האָט שוין מיט אייניקע חדשים פֿריער געשריבן אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער לאַגע פֿון די אַרבעטער אין רוזשינאָי, אויף וועלכער די בעלי-בתּים האָבן אַפֿילו געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו רעאַגירן און זיך צו פֿאַרענטפֿערן.[29]

פֿון דער שטרייַק-באַוועגונג אין ביאַליסטאָק סוף זיבעציקער יאָרן איז קלאָר צו זען, אַז דאָס זייַנען שוין ניט בלויז צופֿעליקע עפּיזאָדן, נאָר אַז מען קען שוין אין אַ געוויסער מאָס ריידן וועגן אָן אָנהייב פֿון אָרגאַניזירטע אַרבעטער-קאַמפֿן. די אַרבעטער פֿון די פֿאַרשיידענע פֿאַבריקן פֿלעגן איינע די אַנדערע אונטערשטיצן בעת די קאָנפֿליקטן. אין קינישין, ווי מיר האָבן געזען, האָבן גלייַכצייַטיק געשטרייַקט די אַרבעטער פֿון 8 קליינע פֿאַבריקן, דאָס מיינט — אַז זיי האָבן זיך שוין פֿריער צווישן זיך צונויפֿגערעדט. אין שוין דערמאָנטן פּאָליציי-באַריכט ווערט דערציילט, ווי די אַרבעטער פֿון ראָזענטאַלס פֿאַבריק האָבן אויסגעבראָכן די שויבן אין אַ צווייטער פֿאַבריק פֿון טרוסקער, מחמת מען האָט דאָרט איינגעפֿירט אַרבעטער-ביכלעך, קעגן וואָס די ביאַליסטאָקער אַרבעטער האָבן אין משך פֿון אַ סך יאָרן אויפֿן שאַרפֿסטן אופֿן געקעמפֿט. מיר וועלן נאָך זען, ווי כּמעט מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער (1895) איז אין גאַנצן ביאַליסטאָקער ראַיאָן אויסגעבראָכן אַ ריזיקער שטרייַק איבער דעם זעלביקן טעם — ווייַל מען האָט געוואָלט אייַנפֿירן אַרבעטער-ביכלעך. די אַרבעטער האָבן דערין געזען אַ באַגרענעצונג פֿון זייער פּערזענלעכער פֿרייַהייט. ס'איז כּדאַי צו נאָטירן, אַז די ערשטע צייַט האָבן אויך די בעלי-בתּים זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דער דאָזיקער פֿאַראָרדענונג, מחמת זיי האָבן ניט געוואָלט, אַז די פּאָליציי זאָל זיך מישן בייַ זיי אין דער פֿאַבריק. מיר האָבן געזען, אַז אויך די טאַבאַק-אַרבעטער אין ווילנע האָבן זיך באַמיט צונויפֿצורעדן זיך פֿאַרן אָנהייב פֿון שטרייַק און דורכצופֿירן זייער אַקציע סאָלידאַריש; עס איז געווען אַפֿילו אָפּגעמאַכט, אַז די אַרבעטער פֿון אַנדערע פֿאַבריקן זאָלן ניט גיין פֿאַרנעמען די פּלעצער פֿון די שטרייַקנדיקע. אויך די בעלי-בתּים, ווי דאָס זאָגט עדות די קאָרעספּאָנדענץ פֿון רוזשינאָי, זייַנען געווען צווישן זיך פֿאַראייניקט.

פֿאַר די 70ער יאָרן פֿאַרדינט נאָך דערמאָנט צו ווערן אַ שטרייַק פֿון דראָזשקאַרעס („איזוואָשטשיקעס") אין ביאַליסטאָק, אין פֿעברואַר 1876. דער דאָזיקער שטרייַק איז געווען געווענדט ניט קעגן די אונטערנעמער — עס האַנדלט זיך גראָד וועגן זעלבשטענדיקע דראָזשקאַרעס, — נאָר קעגן דער פּאָליציי און איר פֿאַראָרדענונג. לויט דער דאָזיקער פֿאַראָרדענונג האָבן די דראָזשקאַרעס געמוזט אַרויסנעמען פֿון שטאָט-פֿאַרוואַלטונג פּאַטענטן כּדי צו קענען זיך פֿאַרנעמען מיט זייער פּרנסה. די דאָזיקע פּאַטענטן האָבן באַקומען נאָר יענע, וואָס האָבן אונטערגעשריבן, אַז זיי זייַנען זיך מתחייב דורכצופֿירן אַ ריי

---

[28] Разсвет, 1880, № 49.

[29] דאָרטן, 1880, נו' 34.

פּונקטן, וואָס האָבן גענוי רעגלאַמענטירט די גאַנצע אַרבעט. די „איזוואָשטשיקעס" האָבן דעמאָלט פֿאַרשטרײַקט און האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו געבן זייער חתימה. אַ באַזונדערע אומצופֿרידנקייט האָט אַרויסגערופֿן די פֿאַראָרדענונג, אַז יעדער דראָזשקאַר מוז טראָגן אויף זיך אַן עטיקעט מיט אַ באַשטימטן נומער; „דאָס דערנידעריקט אונדזער כּבֿוד"—האָבן די דראָזשקאַרעס געטענהט.[30]

שטרײַקן פֿון די דראָזשקאַרעס זײַנען פֿאָרגעקומען אין די זיבעציקער יאָרן איבער ענלעכע טעמים אויך אין אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד. באַזונדערס אַ גרויסן פֿאַרנעם האָט אָנגענומען דעם שטרײַק אין אָדעס (נאָך גאָר פֿרי—אין 1871), אין וועלכן עס זײַנען געווען באַטייליקט ביז 4000 „איזוואָזשטשיקעס". דאָס זײַנען אָבער געווען דאָס רובֿ קריסטן; אין ביאַליסטאָק אָקעגן זײַנען אַלע דראָזשקאַרעס, ווי עס זאָגט אויסדריקלעך דער פּאָליציי־באַריכט, געווען ייִדן. עס איז דערבײַ כאַראַקטעריסטיש, אַז ווען מען האָט אין ביאַליסטאָק גערופֿן פּויערים פֿון דאָרף צו פֿאַרבײַטן די שטרײַקערס, האָבן זיי, אויס מורא פֿאַר די ייִדישע דראָזשקאַרעס, ניט געוואָלט אַרויספֿאָרן, און פּאָליציי האָט זיי געמוזט פֿאַרזיכערן, אַז זי וועט זיי שיצן קעגן „רדיפֿות מצד די ייִדן".[31]

## ב. די אַכציקער יאָרן

די אַכציקער יאָרן ברענגען אַ שאַרפֿע ווענדונג צום ערגערן אין דער ווירט־שאַפֿטלעכער קאָניונקטור פֿון רוסלאַנד, און דאָס האָט זיך אויסערגעוויינטלעך שטאַרק אָפּגערופֿן אויף דער לאַגע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, סײַ עקאָנאָמיש, סײַ סאָציאַל און פּאָליטיש. די פּאָגראָמען פֿון די אַכציקער יאָרן—אַ רעזולטאַט אין דער ערשטער ריי פֿון דעם דאָזיקן שווערן ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס—האָבן טיף אויפֿגערודערט אויך די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ. אַ שטאַרקער נאַציאָנאַלער שטראָם, ווי אַ רעאַקציע אויף דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג, פֿאַרכאַפּט גרויסע טיילן פֿון דער ייִדישער סאָציאַ־ליסטישער יוגנט. דער גרעסערער טייל האָט געזוכט דעם אויסוועג אין עמיגראַציע. דערמיט איז פֿאַרבונדן הן די „חיבת־ציון"־באַוועגונג, הן באַזונדערס די מאַסן־עמיגראַציע קיין אַמעריקע און די „עם־עולם"־באַוועגונג.[32] אויך יענע, וואָס זײַנען געבליבן אויף אָרט און האָבן ווײַטער געאַרבעט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרק פֿאַרטראַכטן וועגן דעם גורל פֿון די ייִדישע מאַסן, און פֿאַר אַ סך האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: צי איז מעגלעך צו פֿירן אויך בײַ ייִדן סאָציאַ־ליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און פֿאַרבינדן די ייִדישע פּראָלעטאַריער מיטן פּראָלעטאַריאַט פֿון לאַנד?

פֿון סוף די זיבעציקער יאָרן און אין משך פֿון די אַכציקער האָט גאַנץ אייראָפּע שווער געליטן אונטערן דרוק פֿון אַ שווערן קריזיס. די גרויסע דעפּרעסיע־כוואַליע האָט אַרומגעכאַפּט גלײַכצײַטיק סײַ די אינדוסטריעלע לענדער, סײַ די אַגראַר־לענדער. אַן אויסערגעוויינטלעך שאַרפֿע ירידה פֿון אַלע אַגראַרפּרײַזן, וואָס אַזוינס האָט אייראָפּע ניט איבערגעלעבט זינט די צוואַנציקער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט, האָט רויִנירט אַ גרויסן טייל פֿון דער אייראָפּעיִשער לאַנדווירטשאַפֿט. אין רוסלאַנד האָט דערפֿון אין דער ערשטער שורה געליטן דער דרום, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס עקספּאָרטירט זײַנע תּבֿואות קיין אויסלאַנד. די פּויערים ווערן פֿאַראָרעמט, זייער קויפֿקראַפֿט פֿאַלט און דאָס ווירקט אויפֿן שאַרפֿסטן אופֿן אויף דער שטאָטישער ווירט־

30 קאַראָלטשוק, דצ"וו ז' 141.

31 זע דאָרטן, ז' 140: „опасаясь преследования со стороны евреев"

32 וועגן דער באַוועגונג „עם עולם" האָפֿן מיר בײַ אַ געלעגנהייט אָנצושרײַבן אַ ספּעציעלן אַרטיקל. — א. מ.

שאַפֿט, וואָס פֿאַרלירט איר וויכטיקסטן קאָנסומענט. אין די גרעסערע שטעט איז די אַרבעטלאָזיקייט געוואַלדיק גרויס. אין וואַרשע זײַנען אין די אַכציקער יאָרן געווען אַן ערך 20000 אַרבעטלאָזע — פֿאַר יענער צײַט אַן אומגעהײַער הויכע צאָל, און דאָ זײַנען ד'מאָלט פֿאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס און אומרוען פֿון אַרבעטלאָזע. „פּעטערבורג איז פֿול מיט בעטלערס, מען קען אַ גאַס ניט דורכגיין" — לייענען מיר אין אַ פּרעסע-נאָטיץ פֿון יענער צײַט. ווי שטאַרק עס זײַנען געפֿאַלן די מקחים פֿון תּבֿואה ווײַזן די ווײַטערדיקע ציפֿערן:

מקח פֿאַר טריזנט קילאָ ווייץ (אין דײַטשע מאַרקן):

| יאָר | לאָנדאָן | בערלין |
|---|---|---|
| 1875—1871 | 246,4 | 235,2 |
| 1880—1876 | 206,8 | 211,2 |
| 1885—1881 | 180,4 | 189,0 |
| 1890—1886 | 142,8 | 173,9 |

פֿון אָנהייב די זיבעציקער ביז סוף די אַכציקער יאָרן זײַנען בכן די תּבֿואה-מקחים געפֿאַלן אויפֿן לאָנדאָנער מאַרק כמעט ווי אויף אַ העלפֿט. אויב אויפֿן בערלינער מאַרק זײַנען זיי געווען אַ ביסל פֿעסטער, איז עס בלויז אַ דאַנק דעם הויכן צאָל אויף תּבֿואה, וואָס די דײַטשע רעגירונג האָט אָנהייב די אַכציקער יאָרן אײַנגעפֿירט, כּדי צו שיצן די אָרטיקע לאַנדווירטשאַפֿט. פֿאַר רוסלאַנד, וואָס האָט דער עיקר עקספּאָרטירט תּבֿואה, איז דאָס פּשוט געווען אַ קאַטאַסטראָפֿע.

די פּאָגראָמען אין די דרום-גובערניעס, אויסגעבראָכן אין פֿרילינג 1881, גלײַך נאָכן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, זײַנען געווען אַ פּראָדוקט פֿון אָט דער ווירטשאַפֿטלעכער דעפּרעסיע. באַטייליקט זײַנען דערין געווען טיילווײַז די פּויערים, אָבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס די דעקלאַסירטע שטאָטישע עלעמענטן, וואָס זייער צאָל איז אַ דאַנק דעם קריזיס קאָלאָסאַל אויסגעוואַקסן.

פֿאַר דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג בילדן די אַכציקער יאָר אַ ווענדפּונקט נאָך אין אַ וויכטיקן פּרט: ערשט איצט שטויסן מיר זיך אָן אויף די ערשטע פּרוּוון פֿון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע מאַסן, פֿון פּראָפּאַגאַנדע אין דער יידישער שפּראַך. שוין אין 1880 האָט אַ „גרופּע יידישע סאָציאַליסטן" אין זשענעווע אַרויסגעלאָזט אַן אויפֿרוף וועגן פֿירן סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע מאַסן אין יידיש, און צו דעם צוועק האָט געזאָלט געגרינדעט ווערן אַ יידישע דרוקערײַ אויף אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יידיש.[33] אַ האַלב יאָר שפּעטער, אָנהייב 1881, איז אין פּעטערבורג אַרויס — ווי מ'רעכנט, די ערשטע אומלעגאַלע סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבע אין רוסלאַנד אין יידיש — „אַרבעטער-צײַטונג", וואָס איז לויטן אינהאַלט אַ געקירצטע איבערזעצונג פֿון ערשטן נומער פֿון דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ", וואָס די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן.[34] אַ ווײַטערדיקער פּרוּוו, שוין אין סאַמע צענטער פֿון יידישן אַרבעטער-לעבן, איז אונדז באַקאַנט פֿון יאָר 1882. דער באַקאַנטער טוער פֿון ערשטן פּוילישן „פּראָלעטאַריאַט", פֿעליקס קאָן, דערציילט וועגן פּראָקלאַמאַציעס, וואָס דער „פּראָלעטאַריאַט" האָט אַרויסגעלאָזן אין יידיש פֿאַר די ביאַליסטאָקער אַרבעטער.[35]

33 זע וועגן דעם „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג" (רוסיש), פּעטערבורג 1906, ז' 16—22, וועגן דעם אויפֿרוף און זײַן געשיכטע זע ווײַטער אין דעם באַנד. — ר ע ד'.

34 זע דעם זאַמלבוך „Еврейская Летопись" ב' 3 (לענינגראַד 1924) איבערגעדרוקט ווײַטער.

35 זע דעם ציט' ז"ב Революционное движение среди евреев ז' 26, [אַ באַשטעטיקונג פֿאַר דער דאָזיקער באַהויפּטונג פֿון פֿעליקס קאָן איז אונדז ניט געראָטן ביז איצט צו באַקומען. אויך אין די וואַרשעווער רעוו' פּוילישע אַרכיוון איז, ניט געקוקט אויף די פֿאָרשונגען, ניט געפֿונען געוואָרן קיין עקזעמפּלאַר פֿון אַזעלכע אויפֿרופֿן. — ר ע ד'].

אין די אַכציקער יאָרן איז עס אויך כּמעט אויסשליסלעך דער צפון-מערבֿדיקער ראַיאָן, ד"ה די געגנטן פון ליטע און ווײַסרוסלאַנד, וואָס וועגן זיי פאַרמאָגן מיר ידיעות וועגן פּרוּוון פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אַרבעטער-קרײַזלעך, חבֿרות און שטרײַקן צווישן ייִדישע אַרבעטער. דעם צענטראַל אָרט פאַרנעמען דאָ ביאַליסטאָק, ווילנע און מינסק. מיר הייבן אָן פון ב י אַ ל י ס ט אָ ק, ווײַל דאָ האָט דער פּולס פון ייִדישן אַרבעטער-לעבן געקלאַפּט באַזונדערס שטאַרק.

דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער קריזיס פון יענע יאָרן האָט זיך געלאָזט זייער שטאַרק שפּירן אויך אין דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע. אַ גרויסער טייל אַרבעטער זײַנען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן גאַס, די לוינען האָט מען אומעטום זייער שטאַרק געקירצט. דאָס האָט נאַטירלעך אין אַ סך פאַלן געפירט צו קאָנפליקטן מיט די אַרבעטער. וועגן עטלעכע אַזעלכע פאַלן זײַנען פאַרבליבן ידיעות אין דער דעמאָלטיקער פּרעסע, פונוואַנען מיר גיבן דאָ ווײַטער אייניקע וויכטיקע אויסצוגן.

אין דעם חאָכנבלאַט „וואָסכאָד" געפינען מיר די ווײַטערדיקע אויספירלעכע באַשרײַבונג פון אַ שטרײַק פון 90 ייִדישע אַרבעטער אין דער פאַבריק פון סוראַזשסקי, וואָס האָט אין יענער צײַט אָנגעמאַכט גאָר אַ גרויסן רושם:

„נאָך דער אויסערגעוויינטלעכער אויפלעבונג אין דער היגער אינדוסטריע אין די יאָרן 1878—1879—שרײַבט דער קאָרעספּאָנדענט—איז אָנגעקומען אַ שרעקלעכער קריזיס, וואָס ציט זיך כּמעט אָן איבעררײַס שוין באַלד צוויי יאָר. סוף 1880 און אָנהייב 1881 האָבן אַלע געוואַנט-פאַבריקן אָנגעהויבן פאַרקירצן די פּראָדוקציע און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אָפּצוזאָגן אַרבעטער, וועלכע האָבן אַזוי אַרום פאַרלאָרן יעטווידע באַשעפטיקונג... פון יענער צײַט אָן האָט די אַרבעטלאָזיקייט ניט אויפגעהערט, די אַרבעטקראַפט איז כּסדר געוואָרן ביליקער; עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז זומער 1881 האָט איינע פון די ביאַליסטאָקער טאַבאַק-פאַבריקן געצאָלט ייִדישע לערנייִנגלעך צו 65 קאָפּ' אַ וואָך בײַ אַ דרײַצן-שעהדיקן אַרבעטסטאָג. ערשט אין 1882 האָבן זיך די געשעפטן אַ ביסל פאַרבעסערט; הײַנטיקן זומער איז אַפילו דער מצבֿ אין דער פאַבריקאַציע געווען ניט קיין שלעכטער, נאָר פון אָקטאָבער האָט ער זיך ווידער פאַרערגערט, די אַרבעט אויף די פאַבריקן האָט זיך נאָך אַמאָל פאַרקלענערט און די שכירות זײַנען ווידער געפאַלן. בײַ אַזאַ מצבֿ האָבן די בעלי-בתּים פון דער וועבערײַ-פאַבריק אין ביאַליסטאָק, די הערן סוראַזשסקי, דעם 24סטן נאָוועמבער געמאָלדן זייערע וועבערס, אַז דאָס געצאָלט פון שטיק ווערט פאַרקלענערט אויף 16 פּראָצענט. דערבײַ האָבן אין יאָר 1879, אין סאַמע ברען פון דער ווירטשאַפטלעכער אויפלעבונג, די הערן סוראַזשסקי זיך אָפּגעזאָגט צו געבן זייערע אַרבעטער אַ הוספה אויף די שכירות און דערפאַר צוגעזאָגט ניט צו פאַרקלענערן די שכירות, ווען עס וועט אָנקומען אַ שלעכטע צײַט אין דער ווירטשאַפט. דעריבער האָבן די אַרבעטער איצט ניט מסכּים געווען אויף די נײַע אַרבעטס-תּנאים, בײַ וועלכע אַ דורכשניטלעכער וועבער וואָלט פאַרדינט ניט מער ווי 4 רובל אַ וואָך; פאַר דעם געלט איז ניטאָ קיין שום מעגלעכקייט, אַז אַ מענטש מיט אַ פאַמיליע זאָל זיך קענען ווי עס איז דורכשלאָגן.

„די הערן סוראַזשסקי, וועלנדיק צווינגען זייערע אַרבעטער אָנצונעמען די נײַע תּנאים, האָבן אין גאַנצן אָפּגעשטעלט די אַרבעט, ניט נאָר אויף דער וועבערײַ, נאָר אויך אין דער שפּינערײַ און אין דער אַפּרעטור-אָפּטיילונג. אויף אַזאַ אופן האָבן 70 דערוואַקסענע, דאָס רובֿ פאַמיליע-מענטשן, און 20 מיידלעך שפּולערקעס, וואָס האָבן געאַרבעט פון טאָג (אַלע ייִדן), פאַרלאָרן די אַרבעט. די בעלי-בתּים האָבן אָבער אַ טעות געהאַט אין חשבון. אמת, בלויז נײַן פון די אָפּגעזאָגטע וועבערס האָבן געפונען אַרבעט אויף אַנדערע פאַבריקן, אָבער די איבעריקע ייִדישע וועבערס, אין דער צאָל פון 480 מענטשן, האָבן אונטערגעהאַלטן די שטרײַקנדיקע; יעדערער פון זיי האָט פון זײַן מאָגערן פאַרדינסט געאָפּפערט צו אַ האַלבן רובל אַ וואָך, וואָס מאַכט אויס צוזאַמען 240 רובל.

עס האָבן זיי אויך ניט פֿאַרלאָזן זייערע קריסטלעכע אַרבעט-חבֿרים. קיין איין איינציקער פֿון די ביאַליסטאָקער דײַטשע וועבערס—און דאָ זײַנען זיי פֿאַראַן מער ווי טויזנט—האָט ניט מסכּים געווען צו פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿון די אָפּגעזאָגטע ייִדישע וועבערס, און צום סוף האָבן זיי אָפּילו גענומען העלפֿן מיט געלט. יעדערער האָט געצאָלט לטובֿת די שטרײַקנדיקע 15 קאָפּ׳ אַ וואָך, וואָס האָט אויסגעמאַכט צוזאַמען איבער 150 רובל אַ וואָך. סוראַזשקיס פֿאַבריקן זײַנען געשטאַנען אַ גאַנצן חודש און לסוף, דעם 24סטן דעצעמבער, האָבן די בעלי-בתּים נאָכגעגעבן און מסכּים געווען צו צאָלן ווי פֿריער. איצט זײַנען שוין אַלע דרײַ פֿאַבריקן ווידער אין פֿולן נאָרמאַלן גאַנג. אין אונדזער געגנט איז עס דער ערשטער פֿאַל פֿון אַזאַ לאַנגן און ערפֿאָלגרײַכן קאַמף פֿון די פֿאַבריק-אַרבעטער מיט די פֿאַבריקאַנטן. אַזוי, למשל, האָבן אין יאָר 1881 אויף אַן ענלעכן אופֿן אין דעם שכנותדיקן שטעטל רוזשינאָי פֿאַרשטרײַקט 100 ייִדישע וועבערס אין דער פֿאַבריק פֿון די הערן פּינעס, אָבער ניט געפֿינענדיק קיין אונטערשטיצונג מצד זייערע חבֿרים, זײַנען זיי אין אַ וואָך אַרום געווען געצוווּנגען אָנצונעמען די תּנאים פֿון די בעלי-בתּים״.[36]

מיר האָבן אַזוי אויספֿירלעך איבערגעגעבן די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ, ווײַל זי איז, לויט אונדזער מיינונג, איינער פֿון די ווערטפֿולסטע און אינטערעסאַנטסטע דאָקומענטן צו דער פֿרי-געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג. עס איז ממש זיך שווער פֿאָרצושטעלן, אַז שוין אין יאָר 1882 זאָל זײַן מעגלעך אַזאַ סאָלידאַרישע אַקציע פֿון גאַנצן ביאַליסטאָקער פּראָלעטאַריאַט לטובֿת זייערע קעמפֿנדיקע חבֿרים. מען מוז באַוווּנ-דערן סײַ די הייך פֿון דער באַשטײַערונג — אַ האַלבער רובל אַ וואָך איז דעמאָלט פֿאַר אַן אַרבעטער געווען אַ קאָלאָסאַלע סומע — סײַ דעם גאַנצן פֿאַרנעם פֿון דער הילפֿס-אַקציע, ווו לעבן די כּמעט 500 ייִדישע וועבערס האָבן זיך אויך סאָלידאַריש באַטייליקט איבער 1000 דײַטשע וועבערס. צווישן די דײַטשע וועבערס אין ביאַליסטאָק זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס זײַנען ערשט ניט לאַנג געקומען פֿון דײַטשלאַנד און טייל פֿון זיי זײַנען דאָרט אויך שוין געווען באַטייליקט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אָדער זײַנען בכל אופֿן געווען אָנגעשטעקט פֿון דער דאָרטיקער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. נאָך אין יאָר 1879 איז, לויט די פּאָליציי-באַריכטן, געפֿירט געוואָרן אַן אויספֿאָרשונג וועגן אייניקע דײַטשע אַרבעטער פֿון דרוקערס פֿאַבריק, קעגן וועלכע עס איז געווען אַ מסירה, אַז זיי פֿירן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דעם אַרבעטער-קלאַס און שעמען זיך אָפּילו ניט צו דערקלערן עפֿנטלעך וועגן זייער צוגעהעריקייט צו דער דאָזיקער ריכטונג.[37] די אויספֿאָרשונג האָט אמת גאָרנישט פֿעסטגעשטעלט, אָבער עס קען קיין שום ספֿק נישט זײַן, אַז אין גאַנצן אָן אַ גרונט איז די באַשולדיקונג ניט געווען.

אָנהייב אַכציקער יאָרן האָט אין ביאַליסטאָק געפֿירט אַן אַקטיווע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע די פּוילישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע „פּראָלעטאַריאַט״, דער עיקר צווישן די פּוילישע און דײַטשע אַרבעטער. פֿעליקס קאָן דערציילט אין די שוין ציטירטע זכרונות, אַז אין ביאַליסטאָק האָט שוין דעמאָלט עקסיסטירט אַ קליינער קרײַז פֿון ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער: זײַענדיק אין ביאַליסטאָק, האָט ער זיך איין מאָל צופֿעליק געטראָפֿן מיט איינעם אַ ייִדישן אַרבעטער, מיטן נאָמען שמואל; דער דאָזיקער אַרבעטער, וואָס האָט נאָך געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע ביז איבער די קני, האָט געהערט צו דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. „נאָך דעם — דערציילט ווײַטער פֿעליקס קאָן — בין איך מיט דעם דאָזיקן שמואל אַוועק אויף דער געוואַנט-פֿאַבריק אין אַ שטעטל אונטער ביאַליסטאָק – כאָראָשטש. עס זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אַ מענטשן זעקס, ייִדן. כאַראַקטע-ריסטיש איז פֿאַר זיי געווען, צום אונטערשייד פֿון די וואַרשעווער ייִדן, וואָס זיי האָבן לפֿי-ערך ניט שלעכט גערעדט רוסיש, אַקעגן האָבן זיי קיין פּויליש ניט געקענט. זיי

36 „Восход“ (וואָכנבלאַט) 1883, № 2.

37 קאָרעלטשוק, דצ״ח, ז׳ 205.

האָבן אַלע געבילדעט איין קרײַזל, וועגן וועלכן מיר האָט זיך אײַנגעגעבן צו דערגיין בלויז אָט וואָס: די אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער אויף דער געוואַנט־פֿאַבריק האָט אָנגעהויבן אבֿרהם לובניצקי. עטלעכע וואָכן פֿאַר מײַן אָנקום איז אבֿרהם לובניצקי געוואָרן אַרעסטירט, און בעת איך בין געקומען, איז ער געזעסן אין טורמע. די פֿאַר־בינדונגען האָט ער איבערגעגעבן זײַנע שוועסטער, צוויי מיידלעך — איינע פֿון זיי געדענק איך, אָלגאַ, — וועלכע האָבן געפֿירט דאָס דאָזיקע קרײַזל. דער וויכטיקסטער אָנפֿירער פֿון קרײַזל איז געווען שמואל. מיט אים איז מיר אויסגעקומען לענגער צו שמועסן, דערבײַ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ייִדישע אַרבעטער־קרײַזלעך אַרבעטן אין גאַנצן איזאָלירט פֿון די רוסישע קרײַזלעך. דאָס דערקלערט זיך, פֿון איין זײַט, מיט דער פֿײַנטלעכער באַציִונג פֿון די רוסישע קריסטלעכע אַרבעטער צום אַרײַנדרינגען פֿון די ייִדישע אַרבעטער אויף די פֿאַבריקן, פֿון דער אַנדער זײַט — מיט דעם אומצוטרוי צווישן איינע און די אַנדערע, און דריטנס — מיט דעם מער ענגערן פֿאַרבונד פֿון די גרופּעס ייִדישע אַרבעטער צווישן זיך. זיי האָבן געאַרבעט אויף פֿאַבריקן, וואָס האָבן געהערט צו ייִדישע בעלי־בתּים, דערבײַ איז אין דער העכסטער מאָס כאַראַקטעריסטיש, וואָס די ייִדישע אַרבעטער האָבן בײַ די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן אין ביאַליסטאָק, ווי עס האָבן געאַרבעט ייִדן און ניט־ייִדן, באַקומען אַ קלענערן לוין, ווי די קריסטן.״[38]

מיר האָבן געוויסע ספֿקות בנוגע דעם, צי האָבן באמת די ייִדישע וועבערס אין ביאַליסטאָק באַקומען אַ קלענערן לוין, ווי די קריסטלעכע. מעגלעך, אַז דער זכּרון האָט דאָ דעם מחבר פֿאַרפֿירט — די מעמואַרן זײַנען פֿאַרצייכנט געוואָרן 46 יאָר נאָך די געשעענישן! פֿאַר וואַרשע איז אונדז אַזאַ פֿאַקט פֿון קלענערן לוין פֿאַר ייִדישע אַרבעטער געווען באַקאַנט, אין ביאַליסטאָק אַקעגן איז עס — לפּחות אין דער שפּעטערדיקער צײַט — ניט פֿאָרגעקומען; מעגלעך, אַז אָנהייב די אַכציקער יאָרן איז עס געווען אַזוי ווי דער מחבר שרײַבט.

ידיעות וועגן שטרײַקן אָנהייב די אַכציקער יאָרן האָבן מיר נאָך פֿאַר לובלין און אָדעס. אין לובלין איז אין יאָר 1882 פֿאָרגעקומען אַ שטרײַק פֿון טאַבאַק־אַרבעטער. אויך דאָ זײַנען עס געווען די אָדעסער „טיטון־שנײַדערס״, וואָס זײַנען געווען באַטייליקט אין שטרײַק.[39] פֿון אָדעס איז פֿאַראַן אַ ידיעה וועגן אַ שטרײַק פֿון שנײַדערס אין סעפּטעמבער 1883, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט אַ דורכפֿאַל פֿאַר די אַרבעטער; מיט דרײַ יאָר פֿריער איז דאָ אויך פֿאָרגעקומען אַ שטרײַק פֿון שנײַדערס, ווו די אַרבעטער האָבן געוווּנען.[40] הגם אין דער ידיעה ווערט ניט געזאָגט, אַז אין דעם שטרײַק זײַנען געווען באַטייליקט ייִדישע אַרבעטער, קען מען פֿונדעסטוועגן כּמעט מיט זיכערקייט אָננעמען, אַז פֿאַקטיש האַנדלט זיך וועגן זיי — דאָס רובֿ שנײַדערס אין אָדעס זײַנען געווען ייִדן.

אין דער צווייטער העלפֿט זיבעציקער און אָנהייב אַכציקער יאָרן טרעפֿן מיר אין אַ רײי שטעט רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך פֿון ייִדישער אינטעליגענץ. באַקאַנט זײַנען די קרײַזלעך אין מאָהילעוו, פֿונוואַנען עס שטאַמען אַ רײי ייִדישע רעוואָלוציאָנערע טוערס פֿון יענער צײַט, ווי לייזער צוקערמאַן, גריגאָרי גורעוויטש און אַנד׳. אַ ביסל פֿריער האָט דאָרט אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט אויך פּנחס (פּאַוועל) אַקסעלראָד, ווײַטער געהער צום זעלביקן קרײַזל זאַלקינד. כּמעט אויסשליסלעך פֿון ייִדן איז באַשטאַנען אויך דער קרעמענטשוגער רעוואָלוציאָנערער קרײַז; צו אים האָבן געהערט דער שפּעטער־

38 Рев. движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 27.

39 זע „לובלינער שטימע״ 1930, נר׳ 44.

40 זע „Красная Летопись“ 1923, נר׳ 7, ז׳ 217.

דיקער „נאַראָדאָוואָלעץ“ אַראָנטשיק, יעקבֿ ראָמבראָ (פֿיליפּ קראַנץ) און אַנד׳.[41] אין יאָר 1880 האָט זיך אין אָדעס געבילדעט אַ רעוואָלוציאָנערער קרײַז, וואָס איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פֿון יידן; דער גרינדער איז געווען האָרנשטיין, דער פֿירער — בנימין גרעטש.[42] אין פֿרילינג 1881 האָט זיך דער דאָזיקער קרײַז צונויפֿגעגאָסן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קרײַזל פֿון קריסטן; זיי האָבן צוזאַמען געגרינדעט אַ שלאָסערײַ־וואַרשטאַט און אַן אונטערשטיצונגס־קאַסע. דער קרײַז איז אָבער באַלד דורכגעפֿאַלן, צו פּאָליציי־אויספֿאָרשונג זײַנען צוגעצויגן געוואָרן 94 פּערזאָן, דערפֿון 20 יידן און 64 אַרבעטער,[43] אַחוץ דעם זײַנען געווען נאָך קרײַזלעך אין פֿאַרשיידענע אַנדערע שטעט פֿון יידישן תּחום, אָבער די דאָזיקע אַלע קרײַזלעך האָבן נאָך זיך כּמעט קיין שפּורן ניט איבערגעלאָזט. אַ היסטאָרישן באַטײַט פֿאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן געהאַט דער עיקר די קרײַזלעך אין מינסק און ווילנע, מיט וועלכע אונדז וועט איצט אויסקומען אַ ביסל נעענטער זיך צו באַקענען.

מינסק האָט געהאַט אַ באַזונדערן מזל. כּמעט פֿאַר קיין שום שטאָט איז אונדז די פּרי־תּקופֿה פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ניט אַזוי גענוי באַקאַנט, ווי דאָ. צוויי פֿון די וויכטיקסטע באַטייליקטע פֿון יענעם פּעריאָד, איסאַק הורוויטש, דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער יידיש־אַמעריקאַנישער שרײַבער יצחק אײַזיק הלוי הורוויץ, און זײַן שוועסטער, די באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערע טוערין זשעניע הורוויטש. האָבן מער ווייניקער אויספֿירלעך באַשריבן דעם דאָזיקן פּעריאָד.[44]

די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין מינסק האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין די זיבעציקער יאָרן. אין 1875 — 1876 האָט דאָ געאַרבעט צווישן דער אינטעליגענץ און די יידישע שלאָסערס דער סטודענט ראַבינאָוויטש־טשאָרני, וועלכן מען האָט אין אַ קורצער צײַט אַרום אַרעסטירט און פֿאַרשיקט.[45] אין 1877 האָט געאַרבעט אין מינסק דער סטודענט וועלער, געפֿירט פּראָפּאַגאַנדע צווישן די סטאָלערס, אָבער אויך ער האָט גאָר אין גיכן געמוזט איבער פּאָליציייִשע טעמים זיך אָפּטראָגן און איז אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד. אין 1879 האָט אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, צווישן זיי די דערמאָנטע איס. הורוויטש און זײַן שוועסטער זשעניע, זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער וועגן אַרויס־

---

41 ווי יאָכעלסאָן (פֿונעם ווילנער קרײַזל 1875) דערציילט אין זײַנע זכרונות („Былое“, 1918, נר׳ 13, ז׳ 64—65) איז ער געווען אין 1876 דער איניציאַטאָר פֿון דער דאָזיקער רעוו׳ גרופּע אין קרעמענטשוג; אויסער אַראָנטשיקן און ראָמבראָ האָבן צום קרײַזל אויך געהערט יעווגעני גורעוויטש, ר. מאַלקין און ד״ר ב. טשלענאָוו (דער איצט באַקאַנטער טוער פֿון „אָזע“). אין אַ נאָטיץ אין „Каторга и Ссылка“ (ב׳ 54, 1929, ז׳ 178) וועגן י. גורעוויטשן ווערט נאָך דערמאָנט אויך ליאָן (סאָלאָמאָן), וואָס איז שפּעטער געווען סטודענט אין אָדעס און איז אין די יאָרן 1877 — 1878 געשטאַנען בראש פֿון דעם אָדעסער קרײַזל פֿון די לאַוראָווצעס (שפּעטער געווען פֿאַרשיקט אין סיביר).—רעדאַקציע.

42 בנימין גרעטש און זײַן ברודער זײַנען זומער 1881 אַוועקגעפֿאָרן מיט דער „עם־עולם“־גרופּע קיין אַמעריקע.

43 זע Хроника рев. движения в России 1878–1887, ז׳ 196.

44 איס. הורוויטש אין „Былое“, 1907, נר׳ 6: „די ערשטע יידישע אַרבעטער־קרײַזלעך אין מינסק“; זש. הורוויטש אינעם ז״ב Революционное движение среди евреев 1930, ז׳ 33—64: זכרונות וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין מינסק אין די 80טער יאָרן; בקיצור זײַנען די דאָזיקע זכרונות אירע געווען געדרוקט מיט אַ יאָר פֿאַר דעם אין ז״ב „רויטע בלעטער“ (מינסק 1929) א״ט „די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרײַזן“.

45 אויספֿירלעכער וועגן ראַבינאָוויטש־טשאָרני און זײַן שײַכות צום ווילנער קרײַזל פֿון 1876 זע ווײַטער דעם אַרט׳ פֿון פּנחס קאָן וועגן דעם דאָזיקן קרײַזל; וועגן אים ווערט אויך דערמאָנט אין די זכרונות פֿון זשעניע הורוויטש (דערבײַ ווערט ער אין „רויטע בלעטער“ על־פּי טעות אָנגערופֿן ראַבינאָוויטש־שוואַרץ). — רעד׳.

געבן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור אין העברעיִש.[46] מינסק איז אויך אַ געוויסע צײַט געווען אַ צענטער פֿון פּאָליטישער קאָנטראַבאַנדע, האָט געהאַט פֿאַרבינדונגען מיטן גרענעץ. אין 1881 — 1882 האָבן דרײַ ייִדישע בחורים — גרינפּעסט, געצאָוו און לעווקאָוו (ראָלניק) געשאַפֿן אין מינסק אַן אומלעגאַלע דרוקערײַ, וווּ עס האָבן זיך געדרוקט די אויסגאַבעס פֿון דער גרופּע „טשאָרני פּערעדעל״: אייניקע נומערן פֿון זשורנאַל „טשאָרני פּערעדעל״, די נומערן 3—6 פֿון „זערנאָ״ און אייניקע פּראָקלאַמאַציעס.[47]

די אייגנטלעכע ייִדישע אַרבעטער-קרײַזלעך אין מינסק זײַנען געשאַפֿן געוואָרן ערשט אין יאָר 1883. זייער גרינדער איז געווען חיים כורגין. זײַן טעטיקייט, וואָס האָט זיך געצויגן אין משך פֿון עטלעכע יאָר, האָט פֿאַר די פֿאַרהעלטענישן פֿון יענער צײַט געהאַט צו פֿאַרצייכענען אַ גרויסן ערפֿאָלג. זומער 1884 האָט אומאָפּהענגיק פֿון כורגינען אָנגעהויבן צו פֿירן אַ פּראָפּאַגאַנדע דער סטודענט עמיל אַבראַמאָוויטש, איינער פֿון די ערשטע מאַרקסיסטן אין רוסלאַנד און זיכער דער ערשטער מאַרקסיסט, וואָס האָט געאַרבעט צווישן ייִדישע אַרבעטער — כורגין איז נאָך געווען אַ „נאַראָדאָוואָלעץ״. עמיל אַבראַ-מאָוויטש האָט זיך אויך אויסגעצייכנט ווי אַ ליטערער, מאָראַליש הויכע פּערזענלעכקייט. ער האָט געהאַט זייער אַ גרויסע השפּעה אויף די אַרבעטער.[48] אין 1885 איז געקומען צוריק פֿון סיביר איסאַק הורוויטש, און היות ווי אַבראַמאָוויטש האָט נאָך די וואַקאַציעס געמוזט אַוועקפֿאָרן פֿון מינסק, האָט ער איבערגעגעבן זײַנע קרײַזלעך הורוויטשן און זײַן פֿרוי. די דאָזיקע קרײַזלעך האָבן אַרומגענומען אַ גרויסע צאָל אַרבעטער; ווי עס טיילט מיט י. הורוויטש אין זײַנע זכרונות, זײַנען אין זײַנע קרײַזלעך געווען איבער הונדערט אַרבעטער, אין כורגינס קרײַזלעך זײַנען אויך געווען בײַ 150 מענטשן, צוזאַמען זײַנען בכן אין דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע געווען אַרײַנגעצויגן איבער 250 מינסקער אַרבעטער. די טעטיקייט פֿון די ערשטע מינסקער קרײַזלעך האָט געהאַט מער ווי אַ לאָקאַלן באַטײַט. טייל פֿון די מינסקער אַרבעטער זײַנען שפּעטער געווען טעטיק אין ווילנע און אַנדערע ערטער. אין 1887 האָט אין ווילנע פֿאַרבראַכט אַ פּאָר טעג ע. אַבראַמאָוויטש, האָט זיך געטראָפֿן מיט די ווילנער טוער און זיי איבערגעגעבן אַ פּראָגראַם פֿאַר אַרבעט אין די קרײַזלעך, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג.

מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויספֿירלעך אויף די מינסקער קרײַזלעך; דאָס וואָלט פֿאַרנומען צו פֿיל פּלאַץ, בפֿרט אַז מיר קענען אָפּשיקן צו די זכרונות פֿון איסאַק און זשעניע הורוויטש. מיר וועלן דאָ געבן בלויז אַן אויסצוג פֿון די זכרונות וועגן מינסק פֿון רוסישן „נאַראָדאָוואָלעץ״ איוואַנאָוו, וועמען עס איז אויסגעקומען בײַ זײַן אַרבעט אין מינסק אין 1883 זיך צו טרעפֿן מיט די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס; דאָס איז זייער אַ ווערטפֿולער און כמעט ווי ניט באַקאַנטער דאָקומענט צו דער געשיכטע פֿון די ערשטע ייִדישע אַרבעטער-קרײַזלעך אין מינסק:

„עס איז געווען אין מינסק—דערציילט איוואַנאָוו — אַ גרופּע, און דוכט זיך ניט איינע, פֿון ייִדישע אַרבעטער, דער עיקר בעלי-מלאָכות. אייניקע פֿון זיי האָב איך אַפֿילו עטלעכע מאָל געטראָפֿן, אָבער נאָר פֿאַרבײַגייענדיק, אַזוי אַז עס איז מיר שווער וועגן זיי צו זאָגן וואָס ניט איז פּאָזיטיוו. אין אַלגעמיין איז דער אײַנדרוק פֿון זיי געווען אַ גוטער און אייגנאַרטיקער. דאָס זײַנען אָן ספֿק געווען מענטשן, וואָס זוכן ליכט און אמת,

---

46 זע די זכרונות פֿון זש. הורוויטש אין דעם צײַט׳ ז״ב „די רעוו׳ באַוועגונג צווישן ייִדן״ (רוס׳) ז׳ 34.

47 זע דעם בריוו פֿון געצאָוו צו ל. דײַטשן, וועלכן דער לעצטער האָט אָפּגעדרוקט אין זײַן בוך „די ראָלע פֿון די ייִדן אין דער רוס׳ רעוו׳ באַוועגונג״ (רוסיש), בערלין 1923, ז׳ 316 — 335; וועגן זײַ דערמאָנט אויך זשעניע הורוויטש אין אירע זכרונות אין די „רויטע בלעטער״.

48 די ביאָגראַפֿיע פֿון ד״ר עמיל אַבראַמאָוויטש זע ווײַטער אין דעם באַנד, וווּ ס׳איז אויך אָנגעוויזן די ליטעראַטור. — רעד׳.

אייניקע שוין מיט אַ געוויסער השגה וועגן דעם מהות פֿון געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען און מיט אַ קלאָר אויסגעדריקטן פֿאַרלאַנג צום קאַמף אין דער אָדער יענער פֿאָרם, אַנדערע ערשט מיט אַן אומקלאָרער נטיה צו אַזעלכע פֿאַרלאַנגען, און זיי האָבן מיך פֿאַרחידושט מיט עפּעס אַ ריין ביבלישער נאַיִווקייט און האַרציקער לויטערקייט. צווישן זיי זײַנען אויך געווען מיידלעך-אַרבעטערינס, דער עיקר פֿון די קליינע טאַבאַק-פֿאַבריקן; צוויי פֿון זיי האָבן געטרוימט וועגן פֿעלדשער-קורסן און האָבן זיך אַפֿילו דערצו געגרייט, איינע האָט כּמעט מיט טרערן גערעדט וועגן דעם, ווי איר וואָלט זיך געוואָלט אַרויסרײַסן זיך אויף אַ ברייטערן שליאַך פֿון לעבן. איין מאָל בין איך געווען אויף אַ קליינער פֿאַרזאַמלונג פֿון 5—6 אַרבעטער. עס איז נייטיק צו זאָגן, אַז זיי האָבן אַלע פֿרײַ גערעדט רוסיש. די טעמע פֿון שמועס איז נאַטירלעך געווען אַ רעוואָלוציאָנערע מיט אַן עקאָנאָמישן אונטער-שלאַק. אַלע האָבן זיך געקלאָגט אויף דער עקספּלואַטאַציע מצד זייערע קליינע בעלי-בתּימלעך. דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג איז פֿאַר מיר געווען נײַ און אָריגינעל. בעת מעשה זײַנען אין צימער אַרײַן אַנדערע באַזוכער, אַפֿילו 13—14-יאָריקע ייִנגלעך, זיי וואַרפֿן זיך דורך מיט אייניקע פֿראַזעס אין ייִדיש מיט די אָנוועזנדיקע אַרבעטער און גייען אַוועק, דערבײַ באַרויִקן מיך די אַרבעטער בנוגע די דאָזיקע באַזוכער, אַז דאָס זײַנען אַלץ „אייגענע מענטשן". עס איז אויך אַרײַנגעקומען אַן אַלטער ייִד, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, דער בעל-הבית פֿון דירה, דער פֿאָטער פֿון איינעם פֿון די, וואָס זײַנען געווען אין צימער; ער האָט זיך מיט אַלעמען פֿרײַנדלעך באַגריסט און איז אַוועק, און הינטער דער וואַנט האָט זיך באַלד דערהערט, ווי מען לייענט עפּעס מיט אַ ניגון, מסתּמא די ביבל. אַגבֿ האָט זיך איינער פֿון די אַרבעטער וואָס זײַנען דאָרט געווען — אַ זעצער — אַרויסגערופֿן צו העלפֿן, אויב מען דאַרף דרוקן וועלכע ס'ניט איז רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבעס. לויט זײַנע ווערטער, האָט ער געהאַט אַ באַקאַנטן, אַ מעטראַנפּאַזש אָדער אַ פֿאַקטער אין איינער פֿון די אָרטיקע דרוקערײַען, אָדער אפֿשר אַ בעל-הבית פֿון אַ קליינער דרוקערײַ — גענוי געדענק איך איצט ניט, — וועלכער איז גרייט פֿאַר אַ טאָפּלטן אָדער דרײַפֿאַכן פּרײַז צו דרוקן וואָס מ'וועט באַדאַרפֿן. ער אַליין (ד"ה דער אַרבעטער) האָט אויף זיך גענומען די גאַנצע פֿאַרמיטלונג אין דעם ענין".[49]

די דאָזיקע זכרונות האָט איוואַנאָוו געשריבן אין יאָר 1900, בעת ער איז געזעסן אין שליסלבורגער פֿעסטונג. די ציטירטע נאָטיץ, געשריבן פֿון אַ ניט-ייִדישן רעוואָלוציאָנער, איז אויף אַ גליקלעכן אופֿן ממלא די באַשרײַבונגען פֿון איסאַק און זש. הורוויטש. מיר זעען דאָ, וואָס פֿאַר אַן אומגעווייניטלעכן און „אייגנאַרטיקן" אײַנדרוק עס האָבן אויף אים געמאַכט די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אַרבעטער, די מיידלעך, וואָס טרוימען וועגן פֿעלדשער-קורסן און ווילן זיך אַרויסרײַסן אויף „אַ ברייטערן שליאַך"; די פּאַטריאַרכאַלע פֿאַרהעלטענישן, די פּשוטע תּנאים פֿון אומלעגאַלער אַרבעט אין אַ סבֿיבֿה, וואו קיין שום מורא פֿאַר פּראָוואָקאַציע איז נאָך ניט געווען, ווי מען האָט זיך נאָך געפֿילט אין גאַנצן צווישן אייגענע און ווו מ'האָט נאָך ניט געשפּירט די נייטיקייט פֿון שטרענגער קאָנספּיראַציע. פֿאַר אַ נאַראָדאָוואָלעץ איז דאָס אַלץ געווען אין גאַנצן נײַ.

אין דער זעלביקער צײַט זײַנען אין מינסק אויך פֿאָרגעקומען אַ ריי קליינע שטרײַקן פֿון ייִדישע אַרבעטער. צוערשט איז געווען אַ באַוועגונג בײַ די זעצערס, וועלכע האָבן דורכגעפֿירט אַ 12-שעהדיקן אַרבעטסטאָג — פֿאַר יענער צײַט אַ באַדײַטיקער ערפֿאָלג. זומער 1886 איז אויסגעבראָכן אַ שטרײַק בײַ די טאַפּעטן-אַרבעטער („אָבאָישטשיקעס") אין צוויי גרויסע וואַרשטאַטן, די אַרבעטער האָבן געפֿאָדערט אַ 12-שעהדיקן אַרבעטסטאָג און האָבן אויסגעפֿירט. אַחוץ דעם איז אין 1886 אויך געווען אַ שטרײַק אין דער האַנדווערקער-שולע „טרוד": די תּלמידים האָבן געפֿאָדערט, מען זאָל באַזײַטיקן דעם משגיח פֿון דער שולע, מיט וועמען זיי זײַנען געווען שטאַרק

---

49 זאַמלבוך: Народовольцы 80-х и 90-х годов (מאָסקווע 1929), ז' 37—38.

ניט צופרידן. אין 1887 איז אויסגעבראָכן אַ גרעסערער שטרייַק בײַ שלאָסאַרעס אין וואַרשטאַט פון איינעם מאַליאַווסקי, וועלכער האָט געדויערט גאַנצע צוויי חדשים; די בעלי-בתים האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט ניט אָנצונעמען אויף דער אַרבעט 12 אַרבעטער, וואָס זײַנען געווען באַטייליקט אין דעם שטרייַק, און די דאָזיקע אַרבעטער האָבן אין מינסק מער ניט געקענט קריגן קײַן אַרבעט; אייניקע פון זיי זײַנען אַוועקגעפאָרן, די איבעריקע האָבן געגרינדעט אַ פּראָדוציר-קאָאָפּעראַטיוו (אַרטעל), וועלכער האָט אָבער קיין אריכת-ימים ניט געהאַט.

סוף אַכציקער יאָרן איז די באַוועגונג אין מינסק שוואַכער געוואָרן, אַ טייל פון די אַקטיווע אַרבעטער זײַנען אַרויס פון קאָן איבער די אַרעסטן און רדיפות מצד דער פּאָליציַי, אַ טייל האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע. פאַרלאָזן מינסק האָבן אויך די וויכטיקסטע פירער: עמיל אַבראַמאָוויטש איז אָפּגעפאָרן קיין קיעוו, ווו מען האָט אים אין 1889 אַרעסטירט, איס. הורוויטש האָט אויך געמוזט פאַרלאָזן רוסלאַנד — פּאָליציַי האָט אים אַרומגעזוכט. אַזוי איז די פּאָר יענער צײַט לפי-ערך באַדײַטיקע באַוועגונג אויף אייניקע יאָר ווידער אײַנגעשלאָפן. ערשט אין יאָר 1892 הייבט זיך אָן די באַוועגונג פון דאָס נײַ, איצט שוין פון גאָר אַן אַנדער פאַרנעם. אָבער וועגן דעם אין ווײַטערדיקן קאַפּיטל.

מיר גייען איצט אַריבער צו דער באַוועגונג אין ווילנע.

אין 1876 איז אין ווילנע דורכגעפאַלן דאָס אַזוי גערופענע צווייטע סאָציאַליס-טישע קרײַזל, אין וועלכן עס זײַנען געווען פאַרמישט 35 פּערזאָן פון דער ווילנער יוגנט.[50] אַ טייל פון די וויכטיקערע טוער זײַנען געוואָרן פאַרשיקט. דער דורכפאַל פון די ביידע קרײַזלעך אין 1875—1876 האָט אויף אַ געוויסער צײַט די באַוועגונג שטאַרק אָפּגעשוואַכט. אין גאַנצן איז אָבער די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין ווילנע קאָנטיק קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן.[51] וועגן רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישע קרײַזלעך אין ווילנע אַרום דעם יאָר 1880 געפינען מיר זייער וויכטיקע ידיעות אויך אין די מעמואַרן פון אַב. קאַהאַן.[52] דאָ ווערט אויך דערציילט וועגן אַ קליינעם אַרבעטער-קרײַזל אין ווילנע: „אַהער (ד"ה אויף דער „אילעגאַלער רעוואָלוציאָנערער קוואַרטיר", ווו עס האָבן געוווינט די מיטגלידער פון רעוואָלוציאָנערן קרײַזל באַדאַנעס און ראַבינאָוויטש), פלעגן אַרײַנקומען עטלעכע יידישע אַרבעטער. און מען פלעגט זיי דאָ געבן „אוראָקן" (אָן גע-צאָלט) און דערקלערן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. די אַרבעטער זײַנען אַלע געווען פון מאַלאַט, אַ שטעטל ניט ווײַט פון פאָדברעזע. באַדאַנעס איז מיט זיי באַקאַנט געוואָרן דורך אַ מאַלאַטער רעוואָלוציאָנער מיטן נאָמען גראַץ".

פון די טוער, וואָס זײַנען נאָך געווען טעטיק אין דער צווייטער העלפט אַכציקער יאָרן, ווערן דאָ דערמאָנט דער נאַראָדאָוואָלעץ גנאַטאָווסקי, שפּעטער דער פירער פון דעם ווילנער נאַראָדאָוואָלישן קרײַזל,[53] און סטראַשונסקי, וועלכער האָט אמת שפּע-טער ניט געהערט אַליין צו די אַקטיווע רעוואָלוציאָנערע טוער, איז אָבער די גאַנצע צײַט געבליבן פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג און האָט זיך באַזונדערס באַטייליקט אין די ערשטע פּרוּוון, וואָס זײַנען אין ווילנע געמאַכט געוואָרן צו אָרגאַניזירן „אַרטעלן" פון יידישע אַרבעטער. סטראַשונסקי געהער צו די אייגנטלעכע פּיאָנערן פון דער

---

50 זע דעם אַרט' פון פּנחס קאָן אין דעם באַנד. — רעד'.

51 פגל' דעם אַרט' פון ג. בוכבינדער אין Историко-рев. сборник (לענינגראַד 1924), באַזונדערס די הוספות.

52 אַב. קאַהאַן, בלעטער פון מײַן לעבן, ב' 1, ז' 386 א"ו.

53 פגל' די זכרונות פון שאַרל ראַפּאָפּאָרט אין דעם באַנד.

ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, און מיר גלייבן, אַז עס וועט זײַן ניט איבעריק דאָ צו ברענגען זײַן כאַראַקטעריסטיק, וואָס אַב. קאַהאַן גיט אין זײַנע מעמואַרן:

„אַן אינטערעסאַנטער מיטגליד פֿון דעם קרוזשאָק, מיט וועלכן איך בין באַקאַנט געוואָרן אויף דער פּאָהולאַנקער קוואַרטיר, איז געווען אַ ייִד, שוין כמעט פֿון די מיטעלע יאָרן, מיטן נאָמען סטראַשונסקי. ער האָט געהאַט אַ פּולע באָרד, אַ בלאָנדע, און גרויסע שמייכלענדע אויגן. אין אַלגעמיין האָט ער אויסגעזען ווי אַ ייִד אַ למדן און אַ משכּיל פֿון דעם בעל-הבתּישן קלאַס, און דאָס איז ער ווירקלעך געווען. ער האָט אָבער געקענט רוסיש און שוין לאַנג געהערט צו דעם געהיימען קרוזשאָק — דער איינציקער טיפּ אַזעלכער בײַ אונדז. זײַן פֿרוי האָט געהאַלטן אַ קרעמל אויף דאָמיניקאַנער גאַס און זי האָט קיין באַגריף ניט געהאַט, וואָס פֿאַר אַ סאָרט באַקאַנטשאַפֿטן ער פֿירט“.[54]

פֿאַר דער ערשטער העלפֿט אַכציקער יאָרן האָבן מיר אַ ריי אַנדערע ידיעות וועגן דער טעטיקייט פֿון רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין ווילנע. ביז גאָר וויכטיק איז די ידיעה, וואָס מיר געפֿינען אין דעם בוך פֿון דעם דעמאָלט באַקאַנטן ייִדיש-דײַטשן כּלל-טוער, דעם ראַבינער פֿון מעמעל, ד"ר י. ר ילף,[55] וועגן פּראָקלאַמאַציעס, וואָס זײַנען אין יולי 1881 אויסגעקלעפּט געוואָרן אין די בתּי-מדרשים פֿון ווילנע. דער מחבר שרײַבט וועגן דער דאָזיקער געשעעניש בזה הלשון:

„בײַ מײַן וואַנדערונג פֿון בית-מדרש צו בית-מדרש האָב איך זיך אָנגעשטויסן — געוויס אַ העכסט מערקווערדיקער צופֿאַל — אויף אַ פּראָקלאַמאַציע פֿון דעם ניהיליסטישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. שוין פֿרײַטאָג צו נאַכט האָב איך אויף די טירן פֿון די בתּי-מדרשים באַמערקט אַ געדרוקטן פּלאַקאַט אין דער רוסישער שפּראַך“. שבת אין דער פֿרי — דערציילט ווײַטער דער מחבר — „האָב איך באַמערקט, ווי בײַ דער טיר פֿון אַ בית-מדרש שטייט אַ גרויסער עולם און קוקט. איך גיי צו נעפּנטער און זע, ווי צוויי פּאָליציי-באַאַמטע באַמיען זיך מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט אַראָפּצונעמען דעם פּלאַקאַט פֿון דער טיר. איך פֿרעג בײַ איינעם, בײַם צווייטן: וואָס באַטײַט דאָס, וואָס איז דער אינהאַלט פֿון דער מודעה? דאָס רובֿ האָב איך געקראָגן די תּשובֿה: איך קען ניט לייענען קיין רוסיש. אַנדערע, בײַ וועמען איך האָב געפֿרעגט, האָבן מיך באַדײַטונגס-פֿול אָנגעקוקט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס. איך האָב ווייניקסטנס אויפֿמערקזאַמער באַטראַכט דאָס בלעטל. דאָס איז געווען אַ קליין קוואַרטבלאַט פֿון דעם ערגסטן מין דרוקפּאַפּיר. געצנוי אַזוי שלעכט ווי דאָס פּאַפּיר איז אויך געווען דער דרוק. הגם מען האָט עס געקענט גאַנץ גוט לייענען, האָט עס אויסגעזען מער ווי אַ קאָרעקטור-בלעטל, איידער ווי אַ ריכטיק געדרוקטער עקזעמפּלאַר... דער פּלאַקאַט איז געוואָרן פֿונאַנדער-געקלעפּט אין דער נאַכט פֿון דאָנערשטאָג צו פֿרײַטאָג און שוין נעכטן איז דער אינהאַלט געוואָרן אַלגעמיין באַקאַנט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דער אינהאַלט געווען בערך אַזאַ:

„ייִדן! מען וויל אײַך אײַנריידן, אַז מיר, די ניהיליסטן, האָבן אויף אײַך אָנגעהעצט דעם המון. גלייבט דאָס ניט, מיר זײַנען ניט אײַערע פֿײַנד; דאָס האָבן געטאָן די אַגענטן פֿון דער רעגירונג, כּדי אָפּצוּווענדן דעם צאָרן פֿון אויפֿגערעגטן פֿאָלק פֿון דער רעגירונג אויף אײַך. איר ווייסט איצט, ווער עס זײַנען אײַערע שונאים“. אונטערגעשריבן איז דער פּלאַקאַט געווען פֿון דעם באַקאַנטן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. איינצקע האָבן געשטעלט אין ספֿק די ריכטיקייט פֿון דער דאָזיקער פּראָקלאַמאַציע. ווער ווייס, האָט

---

[54] אַב. קאַהאַן, דצ"ח, ז' 413. פֿגל' אויך די כאַראַקטעריסטיק פֿון סטראַשונסקין אין די זכרונות פֿון ל. עקסעלראָד-אָרטאָדאָקס אין Каторга и Ссылка ב' 63, וואָס וועלן איבערגעדרוקט אין דעם באַנד ווײַטער.

[55] Dr. I. Rülf, Drei Tage in Jüdisch-Russland, 1882, p. 73—75.

מען געזאָגט, ווער עס האָט געמאַכט דעם דאָזיקן שפּאַס. אָבער פֿאַר אַ שפּאַס איז דער אינהאַלט געווען צו טענדענציעז און ערנסט; אַ שלעכטער שפּאַס בכלל דאָרט, ווו מען ריזיקירט מיטן לעבן".

די דאָזיקע ידיעה איז אין כמה פּרטים זייער וויכטיק. אין דער עכטקייט פֿון דער פּראָקלאַמאַציע קען קיין שום ספק ניט זײַן, און דערין איז י. ריליף געוויס גערעכט. דאָס איז מסתּמא געווען בכלל די ערשטע רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז געווענדט צו דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין רוסלאַנד. עס איז שווער צו געבן אַ קאַטעגאָרישן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע, פֿון וועלכע קרײַזן שטאַמט דער דאָזיקער דאָקומענט. די הערשנדיקע מיינונג אין די דעמאָלטיקע נאַראָדאָוואָלישע קרײַזן איז געווען, אַז מען דאַרף די פּאָגראָמען באַטראַכטן ווי אַ פֿאָלקס-באַוועגונג קעגן די ייִדישע עקספּלואַטאַטאָרן, און אייניקע האָבן אַפֿילו אין די פּאָגראָמען געזען דעם אָנהייב פֿון אַן עכטער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.[56] גאָר קליין איז דעמאָלט געווען די צאָל פֿון די, וואָס האָבן אָנגעוויזן, אַז אויך בײַ ייִדן זײַנען פֿאַראַן אָרעמע און רײַכע, עקספּלואַטאַטאָרן און עקספּלואַטירטע. אונדזער דאָקומענט שטאַמט, ווי מ'קען זיך משער זײַן, פֿון אַן אָרטיקער ווילנער גרופּע. די רעוואָלוציאָנערע קרײַזן אין ווילנע זײַנען באַשטאַנען דאָס רובֿ פֿון ייִדישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן אין אַזאַ ייִדישן מאַסן-צענטער, ווי ווילנע, ניט געקענט פֿאַרזען די גרויסע צאָל ייִדישע פּראָלעטאַריער, און זיי איז דערפֿאַר געווען גרינגער צו געפֿינען די ריכטיקע שטעלונג צו די פּאָגראָם-געשעענישן, וואָס האָבן אַזוי טיף אויפֿגערודערט די ייִדישע באַפֿעלקערונג. אויך אין דעם פּרט האָט די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציע אַ גרויסן היסטאָרישן באַטײַט.

פֿון אָנהייב 1882 האָבן מיר ידיעות וועגן אַ פּרווו צו אָרגאַניזירן אין ווילנע אַ געהיימע דרוקערײַ. צו דעם צוועק איז אַהער אַראָפּגעקומען איינער גראַטשעווסקי, וועלכער האָט זיך געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיט דעם אָרטיקן קרײַזל פֿון די נאַראָדאָוואָלצעס.[57] אין דעם זעלביקן יאָר איז אַ גרופּע ווילנער ייִדישע יוגנט, וואָס איז דאָס רובֿ באַשטאַנען פֿון סאָציאַליסטן, אָדער על־כּל־פּנים סאָציאַליסטיש געשטימטע, אָפּגעפֿאָרן מיט די „עם-עולם"-גרופּעס קיין אַמעריקע. בראש פֿון דער דאָזיקער גרופּע איז געשטאַנען מ. קאַספּע.[58]

אין 1884 געפֿינען מיר אין ווילנע שוין אַ קרײַז, וואָס שטייט אין פֿאַרבינדונג מיט דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ". אין דער קאָרעספּאָנדענץ פֿון דער דאָזיקער גרופּע פֿאַר די אַכציקער יאָרן געפֿינען מיר אייניקע וויכטיקע נאָטיצן וועגן ווילנע. אין אַ בריוו פֿון ש. גרינפֿעסט צו פּ. אַקסעלראָדן פֿון 10טן יוני 1884, ווו עס רעדט זיך אויך וועגן טראַנספּאָרט פֿון אומלעגאַלער ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, לייענען מיר: „פֿון ציריך וועלן מסתּמא אַ סך פֿאָרן אויף די וואַקאַציעס קיין רוסלאַנד; עס וואָלט נייטיק געווען זיך צו דערוויסן גענוי ווער פֿאָרט און צי קען מען דאָס ניט אויסנוצן. די ראַבינאָוויטשעס פֿאָרן דוכט זיך קיין קאָוונע; אויב זיי וועלן מסכּים זײַן, וואָלט איך דורך זיי איבערגעשיקט עטלעכע ביכער קיין ווילנע פֿאַר די דאָרטיקע און פֿאַר די מאָסקעווער, אויך אויספֿירלעכע בריוו. דערגייט דאָס און שרײַבט מיר אָן וועגן דעם".[59] אין אַ צווייטן בריוו, פֿון 24סטן יוני 1884, שרײַבט גרינפֿעסט ווײַטער צו פּ. אַקסעלראָדן: „איך האָב

---

56 די פֿראַגע וועגן דער באַציִונג פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" צו די פּאָגראָמען פֿאָדערט אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג, און מיר באַרירן זי דאָ נאָר אגבֿ אורחא.

57 זע אַרט' פֿון ס. ל י ו ש י ק, די אונטערערדישע דרוקערײַען אין די 60ער, 70ער און 80ער יאָרן אין Каторга и Ссылка ב' 50 (1929), ז' 68 א"א.

58 שפּעטער אַ באַקאַנטער אַרבעטער-טוער אין אַמעריקע.

59 זע דאָס בוך: Из архива П. Б. Аксельрода (בערלין 1924), ז' 88.

הײַנט באַקומען אַ בריוו פֿון ווילנע, אַלע אונדזערע זײַנען דאָרט געזונט, ווײַזט אויס, אַז בײַ יעוווגעניען [ל. דייטש] האָט מען זייערע אַדרעסן ניט געפֿונען. זיי שרײַבן, אַז זיי האָבן אַרויסגעשיקט אַן אויספֿירלעכן בריוו, נאָר איך האָב אים נאָך ניט באַקומען".[60]

וויכטיק איז אין דער דאָזיקער נאָטיץ דער פֿאַקט, וואָס אויפֿן וועג פֿון ווילנע האָט מען אויך באַזאָרגט מאָסקווע מיט ליטעראַטור. דאָס איז ניט סתּם קיין צופֿאַל. די פֿאַרבינדונג מיטן גרענעץ און דעם אומלעגאַלן טראַנספּאָרט איז שוין פֿון אַ לאַנגער צײַט געגאַנגען איבער ווילנע. דאָ זײַנען נאָך געווען טראַדיציעס פֿון דער צײַט פֿון זונדעלעוויטשן.[61] דער דאָזיקער פֿאַקט האָט אָבער געשפּילט אַ באַדײַטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ווילנע. די ווילנער רעוואָלוציאָנערע יוגנט איז, אַזוי צו זאָגן, געשטאַנען בײַם קוואַל פֿון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור. קריגן אַן אומלעגאַל ביכל, אַ בראָשור אָדער אַ צײַטונג איז אין ווילנע געווען אַ סך גרינגער, ווי ערגעץ ווו אַנדערש אין רוסלאַנד. די ווילנער אינטעליגענץ איז דערפֿאַר אין פּרט פֿון טעאָרעטישע סאָציאַליסטישע ידיעות און רעוואָלוציאָנערער אויסבילדונג געשטאַנען לפֿי־ערך אויף אַ הויכער מדרגה. דאָס האָט אויך געשפּילט אַ ראָלע אין אַן אַנדער פּרט: די ווילנער טוער זײַנען כּמעט תּמיד געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג סײַ מיט אויסלאַנד, סײַ מיט אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד, און דערפֿאַר זײַנען די אַמביציעס פֿון די ווילנער שוין פֿון די ערשטע פּרוּוון ווײַט אַרויס פֿון די ד' אַמות פֿון ענגער לאָקאַלער אַרבעט ווילנע האָט זיך דעריבער תּמיד געפֿילט ווי אַ צענטער, און ניט ווי אַ פֿאַרוואָרפֿענע פּראָווינץ.

ניט קיין קלענערע ראָלע האָט אויך געשפּילט די אַלטע גײַסטיקע טראַדיציע פֿון דער ייִדישער ווילנע, פֿון „ירושלים דליטא". ווילנע האָט תּמיד געהאַט אַ גרויסע ייִדישע אינטעליגענץ פֿון די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע טיפּן — תּלמודיסטן און משׂכּילים, ישיבֿה־בחורים, תּלמידים פֿון ראַבינער־שול און שפּעטער פֿון לערער־אינסטיטוט און רוסיפֿיצירטע סטודענטן. אָבער אַפֿילו די רוסיפֿיצירטע יוגנט, די גימנאַזיסטן און סטודענטן, זײַנען דאָ געווען אַ סך ווייניקער אַסימילירט, ווי למשל די ייִדישע אינטעליגענץ אין פּוילן, און האָבן זיך מער געפֿילט פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער מאַסע. איבער די דאָזיקע טעמים, ווי אויך מחמת די באַזונדערע מאָמענטן, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין ליטע און אין ווײַסרוסלאַנד, איז ווילנע באַשערט געווען צו שפּילן די צענטראַלע ראָלע בײַ דעם אויפֿקום פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, וואָס האָט אין ווילנע אייגנטלעך קיינמאָל ניט אויפֿגעהערט, באַקומט איצט גאָר אַן אַנדער פּנים. די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג ווערט אַלץ ענגער פֿאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ נעמט ביסלעכווײַז איבער די איניציאַטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט, זי פֿירט אָן דעם קאַמף קעגן די אונטערנעמער; די אַרבעטערשאַפֿט, פֿון דער אַנדער זײַט, ווערט אַרײַנגעצויגן אין דער סאָציאַליסטישער אידעען־וועלט, זי הייבט אָן צו פֿילן, אַז איר פּראַקטישער עקאָנאָמישער קאַמף איז אַ טייל פֿון אַ גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס, אַז זי קעמפֿט ניט בלויז פֿאַר קליינע פֿאַרבעסערונגען, נאָר אין דער זעלביקער צײַט אויך פֿאַר אַ ראַדיקאַלער ענדערונג פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג, פֿאַר אַ נײַעם יושרדיקן סדר פֿון סאָציאַלן לעבן. אָבער אויך איצט האָבן זיך נאָך די אייגנטלעכע רעוואָלוציאָנערע טוערס לפֿי־ערך ווייניק אינטערעסירט מיט דער אַרבעט צווישן די מאַסן. די עפּאָכע פֿון די „נאַראָדניקעס", פֿון „גיין אין פֿאָלק" איז שוין געווען כּמעט ווי פֿאַרגעסן. די אַרבעט פֿון די „נאַראָדאָוואָלצעס" האָט זיך דער עיקר

60 דאָרטן, ז' 92.

61 נאָך פֿאַר זונדעלעוויטשן האָבן אָרגאַניזירט די טראַנספּאָרטן איבער ווילנע, הגם ניט אין אַזאַ מאָס, אננא עפּשטיין און אַרקאַדי פּינקעלשטיין; שפּעטער, אין די 80ער יאָרן, האָט עס געטאָן ל. יאָגיכעס.

קאָנצענטרירט אויף דער אינטעליגענץ. די נײַע פּרוּוון פון מאַסן-אַרבעט, וואָס זײַנען איצט געמאַכט געוואָרן און וואָס האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, זײַנען אַרויס פון דער איניציאַטיוו פון איינציקע יחידים, וואָס האָבן טיילווײַז געהערט אַפילו נאָר צו דער פּעריפעריע פון די אָפיציעלע סאָציאַליסטישע קרײַזן און ניט צום אַקטיוון צענטער.

די פּיאָנערן פון סאָציאַלן קאַמף זײַנען איצט געווען די ווילנער זאָקן-מאַכע-רינס, אַ פאַך, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע און אין ווילנער געגנט. דאָס זײַנען געווען כּמעט אויסשליסלעך היים-אַרבע-טערינס, ניט זעלטן „בעלי-בתּישע קינדער“, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די קאָמיסיאָנערן, פאַר פאַרמיטלער. פון אָנהייב האָט זיך די אַרבעט אַפילו ניט שלעכט באַצאָלט, אָבער מיט דעם וווּקס פון קאָנקורענץ זײַנען די פאַרדינסטן אַלץ מער געפאַלן, ביז די אָרעמע, דערשלאָגענע זאָקן-מאַכערינס זײַנען אַרויס פון זייער געדולד און האָבן געוואָרפן די אַרבעט. צו וואָס פאַר אַ מדרגה די עקספּלואַטאַציע האָט געמוזט דערגיין, אַז די שטילע זאָקן-מאַכערקעס זאָלן זיך אַלע ווי איינע שטעלן און דערקלערן אַ שטרײַק, איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן. אָבער לאָמיר געבן דאָס וואָרט דעם כראָניקער פון דער דאָזיקער געשעעניש, דעם ווילנער קאָרעספּאָנדענט פון „וואָסכאָד“, וועלכער האָט דעם שטרײַק פון די זאָקן-מאַכערינס אויספירלעך באַשריבן:

„מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך בײַ אונדז באַוויזן אַ נײַע פּרנסה פאַר פרויען— די אויסאַרבעטונג פון מאַשין-זאָקן. פון אָנהייב האָט זיך דער דאָזיקער פאַך גאַנץ גוט באַצאָלט, באַזונדערס פאַר יענע, וואָס האָבן געקענט זיך אײַנשאַפן אַן אייגענע מאַשין. מען האָט געצאָלט 60—80 קאָפּיקעס פאַר אַ טוץ זאָקן אָדער שקאַרפּעטקעס, און אַ מאַשין האָט מען זיך געקענט אײַנשאַפן אָן באַזונדערע שוועריקייטן אויף אויסצאָלן אין ראַטעס צו איין רובל אַ וואָך. היות ווי אויף אַ מאַשין קען מען אויסשטריקן $1—1^1/_2$ טוץ זאָקן אַ טאָג, האָט אַזאַ פאַרדינסט אויסגעוויזן צו זײַן אַ גרויס גליק פאַר די אָרעמע אַרבעטערינס. אָבער ניט לאַנג איז זיי אויסגעקומען צו געניסן פון דעם דאָזיקן פאַרדינסט. ווי מען האָט געקענט פאָרויסזען, האָט דער נײַער פאַך פון טאָג צו טאָג פאַרכאַפּט אַלץ נײַע און נײַע אַרבעטהענט, ביז דער פאַרנעם פון דער זאָקן-פּראָדוקציע האָט לסוף אַריבער-געשטײַגט די מעגלעכקייטן פון אָרטיקן אָפּזאַץ. גלײַכצײַטיק האָט זיך צום תּחילתדיקן מלאָכה-כאַראַקטער פון דער דאָזיקער פּראָדוקציע אָנגעהויבן צומישן אַ קאַפּיטאַליסטישער עלעמענט. צווישן דעם פּראָדוצענט און דעם קאָנסומענט האָט זיך באַוויזן אַ נײַער פאַרשוין—דער קאָמיסיאָנער. דער לעצטער באַזאָרגט די שטריקערקעס מיט זײַן מאַטע-ריאַל, גיט זיי אַ מאָל אויך אַ קליינעם אַוואַנס, און אַדאַנק דעם ווערן די אַרבעטערינס אין גאַנצן אָפּהענגיק פון אים. דער פועל-יוצא פון דער דאָזיקער כּסדר וואַקסנדיקער קאָנקו-רענץ, פון איין זײַט, און דעם אַרײַנדרינגען פון דעם קאָמיסיאָנער, וואָס שטרעבט אַרײַנצוכאַפּן דעם גאַנצן פאַרדינסט פאַר זיך, פון דער אַנדער זײַט — איז געווען דאָס, וואָס דער פאַרדינסט פון טוץ האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו פאַלן און איז צום סוף דער-גאַנגען ביז 25 קאָפּיקעס פאַר זאָקן און 20 פאַר שקאַרפּעטקעס. רעכנט מען אַראָפּ די נייטיקע הוצאות אויף נאָדלען, שמיראייל און רעמאָנט פון מאַשין, בלײַבט אַפילו אין דעם פאַל, ווען עס קומט ניט אויס צו צאָלן קיין ראַטעס, פאַר דער אַרבעטערין אַליין אַ נישטיקער פאַרדינסט. עס איז צום סוף דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז אין איין שיינעם פרימאָרגן האָבן כּמעט אַלע שטריקערקעס—מיטן אויסנאַם פון יענע גליקלעכע, וואָס זיי האָט זיך נאָך ביז הײַנט אײַנגעגעבן אויסצומײַדן די טובות פון די קאָמיסיאָנערן און אַליין אָפּצוזעצן זייערע אויסאַרבעטונגען—אָפּגעשטעלט די אַרבעט, ניט קענענדיק ווײַטער אַרבעטן בײַ די דאָזיקע אוממעגלעכע תּנאים. אָבער היות ווי זיי האָבן ניט געהאַט קיין שום אַנדערן מקור פון פּרנסה און זײַנען ניט זעלטן געווען די איינציקע ברויטגעבערינס אין דער פאַמיליע, איז ניט שווער געווען פאָרויסצוזען, אַז די צעבונטעוועטע שטריקערקעס

וועלן זיך לאַנג ניט קענען האַלטן בײַ זייער באַשלוס. אַז עס זײַנען אַריבער דרײַ וואָכן, האָבן זיי אַלע, איינע נאָך די אַנדערע, זיך ווידער געגומען פֿאַר דער אומדאַנקבאַרער אַרבעט; זיי איז בלויז געראָטן אויסצוקעמפֿן אַ הוספה פֿון 5 קאָפּ׳ אויפֿן טוץ שקאַר־פּעטקעס און 2 קאָפּ׳ אויפֿן טוץ זאָקן. דער באַרג האָט געבוירן אַ מויז!...״[61]

דער מחבר פֿון דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ שרײַבט זיך אונטער **עקסאלד**, אָבער זײַן ריכטיקער נאָמען איז געווען **וואַנעל**. ג. וואַנעל האָט נאָך געהערט צו די ערשטע סאָציאַליסטישע קרײַזלעך אין ווילנע — צו ליבערמאַן—זונדעלעוויטשעס קרײַזל פֿון 1875 און איז דער עיקר געווען טעטיק אינעם צווייטן קרײַזל פֿון 1876, ווען ער איז נאָכן גרויסן דורכפֿאַל פֿון קרײַזל, פֿרילינג יענעם יאָר, אַרעסטירט און שפּעטער פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע.[62] אין די אַכציקער יאָרן קומט ער נאָך דער פֿאַרשיקונג צוריק קיין ווילנע, פֿאַרנעמט זיך מיט ליטעראַרישער אַרבעט, קאָרעספּאָנדירט אָפֿט אין „וואָסכאָד״ און שטייט אויך איצט נאָענט, ווי דאָס איז צו זען פֿון זײַנע קאָרעספּאָנדענציעס, צו דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט. אין דער פּערזאָן פֿון וואַנעל האָבן מיר אַזוי אַרום דעם בריק צווישן די ווילנער רעוואָלוציאָנערן פֿון די זיבעציקער און די ערשטע גרופּעס פֿון די אַכציקער יאָרן. מען דאַרף משער זײַן, אַז ער איז אין דעם פּרט ניט געווען דער איינציקער אין ווילנע.

אין די זכרונות פֿון שאַרל ראַפּאָפּאָרט, וועלכע ווערן געדרוקט ווײַטער אין דעם באַנד, וועגן דעם אָנהייב פֿון זײַן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין ווילנע, דערציילט ער, אַז ער פֿלעגט זיך דאָ אָפֿט טרעפֿן מיט וואַנעלן, וועלכער איז דעמאָלט צוריקגעקומען פֿון פּאָליטישער פֿאַרשיקונג: „דאָס איז געווען אַ שטילער, באַשיידענער און ערנסטער מענטש״.[63] וועגן דעם זעלביקן וואַנעל געפֿינען מיר אויך אַ קורצע נאָטיץ אין די מעמואַרן פֿון ש. דובנאָוו: „מײַן באַגלייטער איבער ווילנע איז געווען אַן אָריגינעלע פּערזאָן, דער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער „כראָניק פֿון וואָסכאָד״ וואַנעל. ער האָט געלעבט פֿולשטענדיק ווי אַ נזיר, אַן אַסקעט, אין אַן אָרעמער לאָך, און האָט מיר גאָרנישט דערציילט וועגן זײַן פֿאַרגאַנגענהייט, אָבער שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט אַמאָל געהערט צו דעם רעוואָלוציאָנערן קרײַז פֿון אַהרן ליבערמאַן און איז געווען באַקאַנט מיט דער רוסישער תּפֿיסה און פֿאַרשיקונג״.[64]

צום גליק האָבן מיר נאָך ידיעות וועגן דעם אייגנטלעכן איניציאַטאָר פֿון סטרײַק פֿון די זאָקן־מאַכערקעס. אין דעם אָפּט פֿון אונדז ציטירטן זאַמלבוך „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן יידן אין רוסלאַנד״ דערציילט גאָזשאַנסקי „וועגן אייניקע פֿאָרגייער פֿון דער באַוועגונג אין ווילנע״: „די סאַמע ערשטע אָרגאַניזאַציע פֿון יענער צײַט איז געווען די אָרגאַניזאַציע פֿון די יידישע זאָקן־מאַכערקעס. ...דאָ האָט געהערשט אומבאַגרענעצטע עקספּלואַטאַציע און דלות. דער ערשטער איז געווען **נאָוואָפּליאַנטסקי** (ער האָט ניט געהערט צו אונדזער אָרגאַניזאַציע), וואָס האָט אָנגעהויבן אַרבעטן צווישן די זאָקן־מאַכערקעס. ער האָט בײַ זיי אָרגאַניזירט אַן אונטערשטיצונגס־קאַסע״.[65] נאָך אויספֿירלעכער דערציילט וועגן אים ש. ראַפּאָפּאָרט אין זײַנע דערמאָנטע זכרונות (זע ווײַטער אין דעם באַנד), וווּ ער ווײַזט אַגבֿ דירעקט אָן אויף נאָוואָפּליאַנטסקין, ווי אויף דעם אָרגאַניזאַטאָר פֿון שטרײַק. „דאָס איז געווען זייער אַן אָריגינעלער און טשיקאַווער טיפּ פֿון אַן אויטאָדידאַקט; „דער דאָזיקער אידעאַליסט און אומבאַוווסטזיניקער רעוואָלוציאָנער־אויטאָדידאַקט

---

[61] Нед. Хроника Восхода, 1885, № 5.

[62] אויספֿירלעכער וועגן וואַנעלס טעטיקייט זע אין דעם ווײַטערדיקן אַרט׳ פֿון **פּנחס קאָן**.—**רעד**׳.

[63] פֿגל׳ אויך Красная Летопись נר׳ 5 (1922—1923), ז׳ 5 א״ו.

[64] Книга жизни ב׳ 1 (1934), ז׳ 203; דער באַזוך פֿון ש. דובנאָוון אין ווילנע איז שייך צום יאָר 1886.

[65] Рев. движение среди евреев, р. 88.

האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן שטרײַק צווישן די ווילנער זאָקן־מאַכערינס און האָט צוגעצויגן דערצו אויך די מיטגלידער פֿון אונדזער קרײַזל און מיך אויך בתוכם״.[66]

אַ שײַכות צו דער אַרבעט צווישן די זאָקן־מאַכערקעס האָט אויך געהאַט דער באַקאַנטער רעוואָלוציאָנערער טוער יעקבֿ נאָטקין. וועגן דעם דערציילט אונדז צ. קאָפּעלזאָן (טימאָפֿיי) אין זײַנע זכרונות: „עס איז נייטיק צו דערמאָנען נאָך וועגן איין פּראַגע — וועגן דער באַוועגונג בײַ די זאָקן־מאַכערקעס, וואָס וועגן איר אָנהייב זײַנען פֿאַראַן ניט קיין גענויע פֿאָרשטעלונגען. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז שוין אין 1886 יאָר האָט צווישן זיי געאַרבעט אַ טוער פֿון די נאַראָדאָוואָלצעס, דער באַקאַנטער נאָטקין, וואָס איז אומגעקומען בעת דער ערשטער יאַקוטסקער טראַגעדיע [אין 1889]. ער איז איינער פֿון די גרינדער פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג. אים האָט, דוכט זיך, דעמאָלט געהאָלפֿן אַ. קרעמער, נאָך זײַענדיק אַ תּלמיד פֿון דער רעאַלשול, און זײַן שפּעטערדיקע פֿרוי פּ. סרעדניצקי. אויף וויפֿל איך געדענק, האָבן זיי מיר דאָס דערציילט וועגן נאָטקינען״.[67] צ. קאָפּעלזאָן מאַכט דאָ קאָנטיק אַ טעות אין דער דאַטע. ווי עס גיט איבער ז. רייזען אין זײַן אַרבעט וועגן ל. יאָגיכעסן[68] אין נאָמען פֿון פּאַטי סרעדניצקי—קרעמער, איז זי אין יאָר 1885 שוין געווען אַוועקגעפֿאָרן פֿון ווילנע; די אַרבעט צווישן די זאָקן־מאַכערקעס האָט זי געפֿירט נאָך אין 1884. אַזוי אַרום איז דער שטרײַק פֿון סוף 1885 געווען אַ רעזולטאַט פֿון אַ פֿריערדיקער פּראָפּאַגאַנדיסטישער טעטיקייט פֿון אייניקע רעוואָלוציאָנערע טוערס און באַזונדערס, אויף וויפֿל דאָס לאָזט זיך איצט פֿעסטשטעלן, פֿון נאָוואָפּליאַנסקין און נאָטקינען. וואָס איז שייך נאָטקינס טעטיקייט, זײַנען פֿאַראַן ידיעות, אַז ער האָט אויך געאַרבעט צווישן ייִדישע שוסטערס אין ווילנע און געשאַפֿן בײַ זיי אַן „אַרטעל״.[69]

אין זײַנע „מאַטעריאַלן צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי״, ווי אין דעם ערשטן קאַפּיטל ווערט באַשריבן די אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע, שרײַבט וול. אַקימאָוו (מאַכנאָוועץ): „אין 1885 האָט זיך אין ווילנע געגרינדעט אַ קרײַזל מיט רעוואָלוציאָנערע צילן. הגם ער איז באַשטאַנען פֿון יונגע מענטשן, האָט ער אין גאַנצן אָנגענומען די אַלטע נאַראָ־דאָוואָלישע פּראָגראַם. די דאָזיקע פּראָגראַם האָט זיך אָנגעמערקט צוויי הויפּט־אויפֿגאַבן פֿון קאַמף: פֿון איין זײַט — פֿאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן די אידעען פֿון סאָציאַליזם דורך פּראָפּאַגאַנדע און דער גרינדונג פֿון „אַרטעלן״, פֿון דער צווייטער—פֿירן אַ דירעקטן קאַמף מיטן אַבסאָלוטיזם דורך טעראָר... די שאַפֿונג פֿון „אַרטעלן״ איז געגאַנגען אָן הצלחה. די סאַמע וויכטיקסטע אונטערנעמונג אין דעם פּרט איז געווען די אָרגאַניזאַציע פֿון די זאָקן־מאַכערקעס. אָבער אויך די דאָזיקע „אַרטעל״ האָט זיך געהאַלטן ניט לענגער ווי 4—5 חדשים״.[70]

איך גלייב, אַז מיר וועלן קיין טעות ניט באַגיין, אויב מיר וועלן די גרינדונג פֿון דעם „אַרטעל״ בײַ די זאָקן־מאַכערקעס ברענגען אין צוזאַמענהאַנג מיטן שטרײַק, וואָס איז טאַקע דעם זעלביקן ווינטער פֿאָרגעקומען. זייער מעגלעך, אַז דאָס איז טאַקע געווען אַ רעזולטאַט פֿון דאָזיקן שטרײַק: אָדער אַ פּרוּוו אויף אַזאַ אופֿן צו קעמפֿן קעגן

---

66 פֿגל׳ אויך Красная Летопись נר׳ 5, דאָרטן.

67 זע דעם ציט׳ ז״ב Револ. движение ז׳ 65. — וועגן יעקבֿ נאָטקין זע אויך ווײַטער אַ ספּע־ציעלע נאָטיץ. („פֿאַרגעסענע פּיאָנירן״).

68 ל. יאָגיכעס־טישקאָ און דער באַגינען פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, „ייִוואָ־בלעטער״, ב׳ 1, נר׳ 5, ז׳ 438.

69 פֿגל׳ די זכרונות פֿון זשעניע הורוויטש אין ז״ב Рев. движение ז׳ 50.

70 В. Акимов, Материалы для характеристики развития РСДРП (Женева 1905), p. 7—19.

די קאָמיסיאָנערן, אָדער די איבערן שטרײַק אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבעטערינס האָבן אויף אַזאַ אופֿן געזוכט זיך אײַנצואָרדענען.

צווישן די פּיאָנערן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין ווילנע און די ערשטע גרינדער פֿון די אַרבעטער-קרײַזלעך איז אויך געיטיק צו דערמאָנען דעם באַקאַנטן רעוואָלוציאָנערן טוער ל. יאָגיכעס (טישקאָ). וועגן אים שרײַבט צ. קאָפּעלזאָן: „אין 1886 האָט שוין געאַרבעט ל. יאָגיכעס (טישקאָ). ער איז אַרויס פֿון 4—5טן קלאַס גימנאַזיע און איז אָנגעקומען ווי אַ לערניִינגל אין אַ שלאָסערײַ-וואַרשטאַט. אויף דעם אופֿן האָט זיך אים אײַנגעגעבן צוצוציען אייניקע אַרבעטער בעלי-מלאָכות און גרינדן די ערשטע ייִדישע אַרבעטער-קרײַזלעך“.[71] ל. יאָגיכעס האָט אַחוץ דעם אויך געפֿירט אַן אַרבעט צווישן די זאָקן-מאַכערינס. צי ווערט דאָ געמיינט די זעלביקע אַרבעט, וואָס נאָוואָפּליאַנסקי און נאָטקין האָט גלײַכצײַטיק געפֿירט, אָדער דאָס איז אַ זעלבשטענדיקע, ווייסן מיר ניט. ליובע אַקסעלראָד שרײַבט אויך אין אירע ציטירטע זכרונות, אַז זי האָט געאַרבעט אין אַ קרײַזל פֿון זאָקן-מאַכערינס, וואָס יאָגיכעס האָט אָרגאַניזירט.[72] די אַרבעט, שרײַבט זי, איז געפֿירט געוואָרן אין רוסיש און נאָך מער אין ייִדיש. זי דערמאָנט אַחוץ די זאָקן-מאַכערינס נאָך אַרבעטער-קרײַזלעך פֿון קאַמאַשן-מאַכערס, שלאָסערס און זעצערס; ל. אַקסעלראָד האָט, ווי באַקאַנט, פֿאַרלאָזן ווילנע סוף זומער 1887, בכן האָבן די דערמאָנטע קרײַזלעך שוין עקסיסטירט צו יענער צײַט. אין יאָר 1889 איז ל. יאָגיכעס אַריבערגעפֿאָרן קיין אויסלאַנד און זינט דעמאָלט איז ער אין גאַנצן אַוועק פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג.

אונדז איז אויסגעקומען זיך אויספּירלעכער אָפּצושטעלן אויף דעם פּעריאָד 1884—1887, מחמת גראָד וועגן די דאָזיקע יאָרן האָט מען ביז דער לעצטער צײַט כמעט ווי גאָר ניט געשריבן און אַפֿילו די וויכטיקסטע פֿאַקטן זײַנען כמעט ווי ניט געווען באַקאַנט. איצט האָבן מיר אַ מער פֿול און געשלאָסן בילד פֿון דער פּיאָנערן-תּקופֿה פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין ווילנע. געוויינטלעך הייבט מען אָן די געשיכטע פֿון די ערשטע אַרבעטער-קרײַזלעך און קאַסעס אין ווילנע מיטן יאָר 1887, אָדער גאָר 1888, מחמת וועגן די ערשטע פּרוּוון פֿאַר דעם האָט מען קיין ידיעות ניט געהאַט. דאָס נעמט זיך דער עיקר דערפֿון, וואָס כמעט אַלע דעמאָלטיקע טוער זײַנען שפּעטער, איבער פֿאַרשיידענע טעמים, ניט געווען מער פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער באַוועגונג. אַ טייל האָט געמוזט פֿאַרלאָזן ווילנע איבער די פּאָליציייִשע רדיפֿות נאָכן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער III אין מערץ 1887; נאָטקין איז דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן; יאָגיכעס האָט פֿאַרלאָזן ווילנע, ווי שוין דערמאָנט, אין 1889; וואַנעל האָט מחמת זײַן פֿאַרגאַנגענהייט, ווי אַ געוועזענער פֿאַרשיקטער, זיך געמוזט מסתמא שטאַרק היטן און אַחוץ דעם איז ער געווען פֿון „עלטערן דור“; נאָוואָפּליאַנסקי איז ווײַזט אויס אָפּגעגאַנגען פֿון דער אַרבעט, בכל אופֿן האָט ער זיך ניט אָנגעשלאָסן אָן דער שפּעטע־ געבילדעטער גרופּע. די אַרבעט איז בכן, אָנגעהויבן פֿון 1887, געפֿירט געוואָרן כמעט אין גאַנצן פֿון נײַע מענטשן. דאָס איז געווען אַ דור פֿון לפֿי-ערך ייִנגערע רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס האָבן טיילווײַז אָנגעהויבן פֿון דאָס נײַ, אָבער איצט שוין מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער הצלחה. דער דאָזיקער גרופּע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט סוף אַכציקער און באַזונדערס אָנהייב די נײַנציקער יאָרן, איז באַשערט געווען ניט נאָר צו שטיין בײַ דער וויגעלע, נאָר אויך מיטמאַכן דעם וויכטיקסטן עטאַפּ פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג ביז צו דער גרינדונג פֿון „בונד“. אין משך פֿון צען יאָר האָבן דער רובֿ פֿון די דאָזיקע טוער געהאַט די מעגלעכקייט כמעט אָן הפסקה צו אַרבעטן און אָנצופֿירן די באַוועגונג. אָט די צען יאָר זײַנען געווען די אַנטשיידנדיקע אין דער באַוועגונג און זיי האָבן

---

71 דער צײַט׳ ד״ב Рев. движение ז׳ 65.

72 זע Каторга и Ссылка ב׳ 63 (איבערגעדרוקט אין אונדזער זאַמלבוך הײַנטער).

אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דעם גאַנצן וויַטערדיקן פאַרלויף פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. אָבער איידער מיר טרעטן צו צו דעם דאָזיקן באַזונדערס וויכטיקן קאַפּיטל, ווילן מיר נאָך קורץ באַרירן אייניקע געשעענישן און פאַקטן מחוץ פון ווילנע, וואָס געהערן נאָך צו דער תּקופה פון די אַכציקער יאָרן.

אין 1886 און נאָך מער אין 1887 הייבט זיך ווידער אָן אַ באַוועגונג ביַי די ביאַליסטאָקער וועבערס. אין די קריזיסיאָרן האָט זיך דאָ די לאַגע פון די וועבערס שטאַרק פאַרערגערט, זי איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן מחמת דער שטאַרקער קאָנקורענץ אויפן אַרבעטמאַרק מצד די אַזוי גערופענע לוינקעטניקעס. דאָס זיַינען קליינע בעלי-מלאָכות, וואָס אַרבעטן ניט אויפן אייגענעם חשבון, נאָר נעמען אַרויס רוישטאָף ביַי די גרויסע פאַבריקאַנטן אָדער סוחרים און ברענגען זיי צוריק פאַרטיקע סחורה. די דאָזיקע לוינקעטניקעס אַרבעטן אין דער היים צוזאַמען מיט אַ פּאָר לערנייִנגלעך אָדער אַרבעטער. על-פּי רובֿ איז דער לוינקעטניק בלויז אַ פאַרמיטלער צווישן דעם פאַבריקאַנט און אַרבעטער. פאַר די פאַבריקאַנטן איז דאָס געווען זייער נוצלעך, וויַיל זיי האָבן דורכדעם געהאַט די מעגלעכקייט אין דער צייַט פון אַ גרויסן נאָכפרעג אויף סחורה צו פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע, אײַנשפּאָרנדיק דערבײַ הוצאות אויף נײַע מאַשינעס און אַנדערע אינוועסטיציעס. די עקספּלואַטאַציע ביַי די לוינקעטניקעס איז געווען אַ סך גרעסער, ווי אין די פאַבריקן, מחמת דער לוינקעטניק האָט דאָך אויך געמוזט פאַרדינען פון זיַינע אַרבעטער. די קאַמפן צווישן די לוינקעטניקעס און די אַרבעטער זיַינען דערפאַר געווען באַזונדערס פאַרביטערטע.

אין דער שוין איין מאָל ציטירטער נאָטיץ וועגן ביאַליסטאָק לייענען מיר וועגן דער שטרייַק-באַוועגונג פון 1887: „שוין אַרום 85סטן יאָר האָבן די פאַרמיטלער געצאָלט די אַרבעטער דרייַ און אַ האַלב ביז 4—5 קאָפּיקעס פון מאָטעק, אַ וועבער האָט ביַי אַ 14—16 שעהדיקן אַרבעטסטאָג קוים אויסגעאַרבעט 2—3 רובל אַ וואָך. פאַר די וועבערס, וואָס האָבן געאַרבעט ביַי די פאַרמיטלערס, איז ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי אָדער לאַנגזאַם אויסגיין פון הונגער, אָדער אָרגאַניזירן אַ שטרייַק און קעמפן פאַר דער פאַרבעסערונג פון די שכירות. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אויסגעקליבן דאָס צווייטע, און אין יולי 87סטן יאָר האָבן זיי אָפּגעשטעלט די אַרבעט. דער שטרייַק איז געווען אָרגאַניזירט אויף אַזאַ אופן, אַז גלייַכצייַטיק האָבן ניט געאַרבעט בלויז אייניקע וואַרשטאַטן, כּדי עס זאָל אין איין מאָל ניט זיַין מער ווי 30 שטרייַקערס. די וועבערס, וואָס האָבן אין דער צייַט געאַרבעט ביַי די אַנדערע לוינקעטניקעס אָדער אויף די פאַבריקן, פלעגן צווישן זיך צונויפקלייַבן געלט און אַרויסגעבן אונטערשטיצונג צו דרייַ רובל אַ וואָך אויף אַ שטרייַקער. ווען די ערשטע האָבן שוין געהאַט געוווּנען — אַ שטרייַק פלעגט געדויערן ניט לענגער ווי אַנדערהאַלבן וואָכן — פלעגן אָפּשטעלן די אַרבעט די אַרבעטער פון אַנדערע וואַרשטאַטן, אאַז״וו. אין אויגוסט איז געקומען צו פאָרן דער גראָדנער גובערנאַטאָר, האָט צונויפגערופן אַלע שטרייַקערס און זיי איַינגערעדט זיך ווידער צו שטעלן צו דער אַרבעט, אָבער אומזיסט — דער שטרייַק האָט זיך געצויגן ביז סעפּטעמבער, די אַרבעטער האָבן געוווּנען און האָבן אומעטום אָנגעהויבן באַקומען צו 7 קאָפּיקעס פון מאָטעק“.[73]

ווי עס איז צו זען פון אַנדערע ידיעות, איז דער קאַמף געפירט געוואָרן ניט בלויז פאַר העכערן די שכירות, נאָר גלייַכצייַטיק קעגן דער גאַנצער סיסטעם פון פאַרמיטלערײַ, און דערבייַ האָבן גראָד די פאַבריק-אַרבעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. אין „הצפירה“ איז אָפּגעדרוקט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ביאַליסטאָק וועגן די זעלביקע קאָנפליקטן. דאָ ווערט עס געשילדערט ניט ווי אַ שטרייַק, נאָר ווי אַ קאַמף פון די פאַבריק-אַרבעטער

[73] זע „Рабочее Дело“ (זשענעווע), 1899, נר׳ 4—5: „דער קאַמף פון די ביאַליסטאָקער וועבערס מיט די לוינקעטניקעס“.

קעגן די לוינקעטניקעס. דער קאָרעספּאָנדענט שרייבט בזה הלשון: „אין טעקסטיל-האַנדל שפּירט זיך איצט ווידער אַן אויפלעבונג און, ווי עס זאָגן פאַכלייט, האָט זיך דער מצב פון די סוחרים צום טייל מער, צום טייל ווייניקער פאַרבעסערט. יעדן טאָג קומען אָן נייע באַשטעלונגען און די מקחים האָבן זיך אַ ביסל געהויבן. די דאָזיקע עליה פון די פּרייזן נעמט זיך דערפון, וואָס די קליינע בעלי-מלאָכות (לאָהן אַרבעטער) האָבן געמוזט אויפהערן אַרבעטן מחמת די סטראַשונקעס מצד די וועבער, וואָס אַרבעטן אין די גרויסע פאַבריקן". דער קאָרעספּאָנדענט באַשרייבט ווייטער אויספירלעך די ראָלע פון די לוינקעטניקעס, ווי זיי אַרבעטן אַפילו ביליקער פון די גרויסע פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן גרעסערע הוצאות, און ווי דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די פאַבריקאַנטן האָבן גענומען רייסן די לוינען פון די אַרבעטער. „אין דער דאָזיקער געשיכטע איז דער אַרבעטער געווען דער שעיר-לעזאָזל און האָט געליטן פאַר די זינד פון די קליינע קאָנקורענטן. די פאַבריקאַנטן, וואָס אין זייערע הענט ליגט דער גורל פון די וועבערס, האָבן פאַרקלענערט די שכירות — ניט מער. דער דאָזיקער פאַקט האָט אויפגעבראַכט די אומגליקלעכע וועבערס אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף די קליינע פאַבריקלעך און אָפּגעטאָן דאָרט מעשים (ועשו שם מה שעשו)... און מחמת זייער אַרבעט איז ניט געווען פון שפּינוועבס, וואָרעם דעם האָט די אַרבעט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט און די אימה און פּחד פון די וועבערס איז געפאַלן אויף די כלומרשטע פאַבריקאַנטן, און פון זיי איז גאָרניט געוואָרן (והיו כלא היו). אויפן דאָזיקן שינוי צום גוטן ווייזן אָן מיט די פינגער אַלע, וואָס קענען דעם פאַך, און זאָגן, אַז נאָר דערפאַר איז געוואָרן ווייניקער סחורה אין שטאָט און די פּרייזן האָבן געשטייגט".[74]

די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ שטייט לגמרי ניט אין אַ סתירה צום פריער ציטירטן באַריכט. דער קאַמף פון די אַרבעטער ביי די לוינקעטניקעס פאַר העכערן די שכירות איז אייגנטלעך אויך געווען אין די אינטערעסן פון די פאַבריק-אַרבעטער, ווי אין די אינטערעסן אַפילו פון די פאַבריקאַנטן. ס'איז דערפאַר אָנצונעמען, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ טאָפּלטן קאַמף: פון איין זייט פון די פאַבריק-אַרבעטער קעגן די לוינקעטניקעס בכלל, פון דער אַנדער זייט פון די אַרבעטער ביי די לוינקעטניקעס פאַר העכערן די שכירות.

צום טייל ענלעכע סיבות האָבן מיט אַ יאָר פריער אַרויסגערופן אַ שטרייק פון יידישע וועבערס אין וואַשילקאָווע, אַ שטעטל ביי ביאַליסטאָק. אַ באַריכט וועגן דעם דאָזיקן שטרייק געפינען מיר אין „המליץ".

„וואַשילקאָווע (אצל ביאַליסטאָק) כ"ב אלול. — די קאָנקורענץ צווישן די וועבעריי-פאַבריקאַנטן אין אונדזער שטאָט האָט אַרויסגערופן די אומצופרידנקייט פון די וועבער-אַרבעטער, און זיי האָבן געמאַכט איין בונד (אגודה אחת) צו וואַרפן די אַרבעט". די סיבה פון דעם איז, שרייבט דער קאָרעספּאָנדענט, וואָס די פאַבריקאַנטן גיבן אַרויס אַ סך אַרבעט צו די לוינקעטניקעס, אָדער „לאָהן שטילן", ווי זיי הייסן דאָרט, און דאָס ברענגט דערצו, אַז אין די זומער-חדשים איז די אַרבעטלאָזיקייט זייער גרויס צווישן די פאַבריק-אַרבעטער. „און כדי צו מאַכן אַ סוף צו דעם דאָזיקן שלעכטן מצב, האָבן די וועבערס מיט רעכט באַשלאָסן צו פאַרלאַנגען פון זייערע בעלי-בתים, אַז זיי זאָל זיי ווייטער ניט בדלות שטעלן דערמיט, וואָס זיי גיבן אַרויס רוי-מאַטעריאַל צו די לוינקעטניקעס, וועלכע נעמען ביי זיי אַוועק די חיונה. און עס איז נייטיק צו וויסן, אַז די חברה (אגודת) פון די וועבערס אין אונדזער שטאָט באַשטייט פון גאָר רויִקע מענטשן (אנשי מנוחה המה): זייער דרך איז ניט מיט שטורעם, צונויפצוקלייבן זיך אין די גאַסן מיט גרויס לאַרעם, ווי דאָס טוען די פּועלים אין אַנדערע שטעט, זיי פאַרלאַנגען ניט מער, מען זאָל פאַרענטפערן זייער פראַגע אויף דעם אופן, אַז „דער וואָלף זאָל זיין

74 „הצפירה" 1887, 19 (31). אויגוסט

זאַט און די שאָף זאָלן בלײַבן גאַנץ". אויך די יושרדיקע פֿאַבריקאַנטן, וואָס קענען דעם געמיט פֿון זייערע אָרנטלעכע אַרבעטער, האָבן שוין דערויף מסכּים געווען. עס האָט שוין געהאַלטן גאָר נאָענט, אַז די וועבערס זאָלן קומען צו אַ הסכּם מיט די בעלי-בתּים, ווען ניט אַן אומגליקלעכער צופֿאַל, וואָס האָט צעשטערט די האָפֿענונג אויף שלום, און וואָס איבער אים קאָכט אונדזער שטאָט ווי אַ קעסל. און די געשיכטע איז אַזוי געווען: ה׳ י. כ., דער וויצע-פּרעזידענט פֿון דער היגער שטאָט-פֿאַרוואַלטונג, וועלכער איז גלײַכ-צײַטיק אַ לווינקעטניק, האָט זיך געוואָלט נוקם זײַן אָן זײַנע שונאים די וועבערס, און האָט באַשטימט די דירה פֿון אַן אָרעמען וועבער, אַ מטופּל מיט קליינע קינדער, פֿאַר אַ זאַמל-פּונקט פֿאַרן היגן גאַרניזאָן. די פֿאַמיליע פֿון דעם דאָזיקן וועבער און אַלץ, וואָס איז געווען אין שטוב, האָט מען אַרויסגעוואָרפֿן אויף דער גאַס און סאָלדאַטן זײַנען געקומען און זיך באַזעצט אין יענעמס דירה. דער פֿאָטער פֿון דער אַרויסגעטריבענער פֿאַמיליע האָט דעמאָלט גענומען זײַנע קינדער און אַלע זײַנע בעבעכעס און זיך באַזעצט אין נײַעם בית-מדרש. און יעדערער, וואָס האָט דאָס געזען, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט: אַזוינס איז נאָך ניט געהערט און ניט געזען געוואָרן"... געחתמעט איז די קאָרעס-פּאָנדענץ: „אַן אָנגעשטעלטער פֿון אַ פֿאַבריק".[75]

אינטערעסאַנט איז אין אונדזער קאָרעספּאָנדענץ סײַ דער עצם פֿאַקט פֿון שטרײַק, וואָס איז געווענדט, ווי מיר זעען, ניט קעגן די פֿאַבריקאַנטן, נאָר קעגן דער קאָנקורענץ פֿון די לווינקעטניקעס, ווי אויך די כאַראַקטעריסטיק פֿון די וואַשילקאָווער ייִדישע וועבערס ווי שטילע מענטשן, וואָס מאַכן ניט קיין רעש און לאַרעם, „ווי דאָס טוען די פּועלים אין אַנדערע שטעט". דערמיט איז נאַטירלעך געמיינט אין דער ערשטער שורה ביאַליסטאָק, ווו די וועבערס זײַנען געווען ווייניקער רויִק און ווו בעת די גרויסע קאָנפֿליקטן פֿלעגט אַפֿילו צײַטנווײַז קומען צו ערנסטע צוזאַמענשטויסן, ווי מיר האָבן דאָס שוין געזען אין אַ פֿריער ציטירטער קאָרעספּאָנדענץ און ווי דאָס איז אונדז אויך באַקאַנט פֿון אַנדערע מקורים.

ניט געקוקט אויף דער שווערער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, אויף דער כוואַליע פֿון אַנטיסעמיטיזם, אויף די גזרות און רדיפֿות מצד דער רעגירונג, אויף דער אַלגעמיינער רעאַקציע, וואָס האָט אין די 80ער יאָרן באַהערשט רוסלאַנד און וואָס האָט זיך אויך זייער שטאַרק אָפּגערופֿן אויף דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, טרעפֿן מיר אויף דער ייִדישער גאַס אַלץ אָפֿטער פּרוּוון פֿון סאָציאַלן קאַמף און אָרגאַניזאַציע, נאָך מער ווי אין די 70ער יאָרן. אמת, שוואַך איז נאָך אויך איצט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדישע אַרבעטער, פֿונדעסטוועגן אָבער זײַנען שוין געמאַכט געוואָרן די ערשטע וויכטיקע שריט. די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ הייבט אָן אַלץ מער זיך אָפּצו-געבן אַ חשבון וועגן אירע אויפֿגאַבן בנוגע די ייִדישע מאַסן, און עס ווערט קלאָר, אַז אויך אויף דער ייִדישער גאַס איז דאָ פּלאַץ פֿאַר סאָציאַליסטישער אַרבעט, אַז עס זײַנען פֿאַראַן די עלעמענטן, צו וועמען מען קען קומען מיט אַ סאָציאַליסטישן וואָרט. די דאָזיקע פֿראַגע, וואָס איז שוין אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דעם אויפֿרוף פֿון דער גרופּע ייִדישע סאָציאַליסטן אין זשענעווע (1880), האָט זיך פֿון דאָס נײַ געשטעלט אין דער צײַט פֿון די פּאָגראָמען, וועלכע האָבן אויפֿגערודערט שטאַרק אויך יענע ייִדישע סאָציאַליסטן, וואָס זײַנען אין גאַנצן אַרײַן מיט לײַב און לעבן אין דער רוסישער רעוואָ-לוציאָנערער באַוועגונג. פּ. אַקסעלראָד האָט, למשל, וועגן דעם אַפֿילו אָנגעשריבן אַ ספּע-ציעלע בראָשור, וואָס האָט אָבער דעמאָלט ניט דערשײַנט. אַן ערנסטער פּרוּוו קלאָר צו מאַכן די פֿראַגע וועגן די אויפֿגאַבן פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וועגן דער מעגלעכקייט פֿון סאָציאַליסטישער אַרבעט בײַ ייִדן געפֿינען מיר אין דעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל פֿון איליאַשעוויטש אין „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי". דער מחבר

75 „המליץ" 1886, נו׳ 125.

פירט דאָ אַ שאַרפע פּאָלעמיק קעגן דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, קעגן ליליענבלומען און פינסקערן מיט זײַן „אויטאָעמאַנסיפּאַציע". ער שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע צו באַווײַזן, אַז נאָר די רעוואָלוציע קען פאַרענטפערן די יִדישע פראַגע, אַז אויך דאָס יִדישע פאָלק באַשטייט פון פאַרשיידענע קלאַסן, אַז ניט אַלע יִדן זײַנען עקספּלואַטאַטאָרס, ווי עס האָבן דעמאָלט געמיינט אַפילו אַ סך יִדישע סאָציאַליסטן. דער יִדישער פּראָלעטאַריאַט איז פאַראינטערעסירט אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער מוז אַליין קעמפן פאַר זײַן רעכט. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט דער יִדישער פּראָלעטאַריאַט אַליין די מעגלעכקייט צו שמידן זײַן גורל. מיט אים מוז זיך אָבער פאַרבינדן די יִדישע אינטעליגענץ. „איז עס ניט דער באַזונדערער חוב פון דער יִדישער אינטעליגענץ זיך צו פאַרנעמען מיט דער אָרגאַניזירונג פון יִדישן פּראָלעטאַריאַט, אים אַרײַנציען אין דעם אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם און דערמיט אפשר אויך פאַרשטאַרקן די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד? זאָל איבערן גאַנצן געביט, וווּ עס וווינט די יִדישע אָרעמקייט, זיך דורכטראָגן די כוואַליע פון רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע און זיך לאָזן הערן דער רוף צום יִדישן פּראָלעטאַריאַט צו אָרגאַניזירן דעם קאַמף".[76]

# ערבֿ „בונד"

## (די נײַנציקער יאָרן)

די תּקופֿה פון ערבֿ „בונד" באַצייכנט בײַ אונדז די יאָרן פון 1887 ביז דער גרינדונג פון „בונד" אין 1897. די גרינדונג פון „בונד" איז אייגנטלעך דער אָפּשלוס, דער סך-הכּל פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט פאַר די דערמאָנטע צען יאָר. סײַ לויט דעם פאַרזעלבכן צוזאַמענשטעל פון די טוערס, סײַ לויט די טראַדיציעס און לויט דער קאָנטינויִטעט פון דער אַרבעט בילדן די דאָזיקע צען יאָר אַ געשלאָסענע תּקופֿה, וואָס האָט געפירט אָרגאַניש צו דער שאַפונג פון „בונד" און דערמיט צו דער מאָדערנער אָרגאַניזאַציע פון דער יִדישער אַרבעטערשאַפט. הגם מיר הייבן אָן פון סוף 80ער יאָרן, איז אָבער די וויכטיקסטע אַרבעט אייגנטלעך אָפּגעטאָן געוואָרן אין משך פון די 90ער יאָרן. דעמאָלט האָט זיך אָפּגעשפּילט יענער היסטאָרישער פּראָצעס, וואָס האָט די פריערדיקע קרײַזלעך פאַרוואַנדלט אין דער גרויסער מאַסן-באַוועגונג פון יִדישן פּראָלעטאַריאַט.

דער שווערער קריזיס, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געדריקט אויף דער רוסישער ווירטשאַפט זינט אָנהייב די אַכציקער יאָרן, מאַכט איצט פרײַ דעם פּלאַץ פאַר אַ נײַער אויפלעבונג, וואָס פירט באַלד צו אַ שטורעמדיקן שטײַגן פון דער קאָניונקטור, וואָס רוסלאַנד האָט נאָך אַזוינס ניט געזען אַפילו אין די זעכציקער יאָרן. שוין אין 1888 שפּירט זיך אַ קליינע בעסערונג אין געשעפט-לעבן, אָבער אין 1891 ווערט די דעפּרעסיע, מחמת דער שלעכטער גערעטעניש, פאַרבונדן מיט אַ גרויסער הונגער-קאַטאַסטראָפע, ווידער שאַרפער. ערשט אין יאָר 1893 הייבט זיך אָן דער שטורעמדיקער באַרג-אַרויף פון דער רוסישער ווירטשאַפט, וואָס האָט ענדגילטיק באַשטימט דעם קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער פון דער ווירטשאַפטלעכער עוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָט געשאַפן דעם מאַסן-באַזיס פאַר אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג און האָט אָפּגעראַמט אידעאָלאָגיש דעם וועג פון אַ סך אַלטע אילוזיעס.

אין משך פון צען יאָר, פון 1890 ביז 1900, האָט זיך די צאָל אַרבעטער אין דער רוסישער אינדוסטריע פאַרגרעסערט פון 720.000 אויף 1.600.000, מער ווי טאָפּלט. נאָך שטאַרקער איז געווען דער טעמפּ פון פאַרגרעסערונג אין דער שווער-אינדוסטריע, ווי דאָס איז צו זען פון די ווײַטערדיקע ציפערן:

---

76 אילִיאַשעוויטש [רובאַנאָוויטש]: „וואָס זאָלן יִדן טאָן אין רוסלאַנד?" „Вестник Народной Воли" (1886) Nr. 5, p. 124.

| פראדוקציע-צווייג | 1890 | 1900 |
| --- | --- | --- |
| | אין מיליאן פוד | |
| טשוגון | 54,9 | 176,8 |
| אייזן און שטאל | 51,9 | 132,5 |
| נאפט | 226,0 | 631,1 |
| קוילן | 367,2 | 986,0 |
| לענג פון אייזנבאן-נעץ | 28000 ווערסט | 49500 ווערסט |

די דאזיקע ציפערן נייטיקן זיך ניט אין פירושים. אין משך פון צען יאר איז אויפגעבויט געווארן מער, ווי פאר די פריערדיקע פערציק יאר. ערשט איצט איז אייגנטלעך געשאפן געווארן א רוסישע אינדוסטריע און עס איז אויפגעקומען דער רוסישער שטאטישער פראלעטאריאט. די טעאריעס פון די „נאראדניקעס" וועגן דעם באזונדערן היסטארישן וועג פון דער רוסישער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג האבן זיך ארויסגעוויזן פאר אוטאפיעס. דערמיט איז פארבונדן די ווענדונג אין דער אידעאלאגיע, ווי אויך אין דער פראקטישער ארבעט פון דער רוסישער סאציאליסטישער אינטעליגענץ אין די נײַנציקער יארן. ערשט איצט, ווען ניט דער פויער, נאר דער שטאטישער ארבעטער ווערט די מאסן-באזע פון דער סאציאליסטישער פראפאגאנדע און אגיטאציע, קריגט אויך די ארבעט אויף דער יידישער גאס א זינען, ווערט מעגלעך די ארגאנישע פארבינדונג צווישן דער אלגעמיינער סאציאליסטישער באוועגונג אין רוסלאנד און דער סאציאליסטישער באוועגונג ביי יידן.

אויך אין די געביטן פון דעמאלטיקן יידישן תחום איז די ווירטשאפטלעכע אנטוויקלונג אין דעם זעלביקן טעמפ געגאנגען בארג-ארויף. די צאל פאבריק-ארבעטער האט זיך אויך דא אין משך פון די נײַנציקער יארן פארטאפלט. די באדײַטיקע בעסערונג אין דעם אלגעמיינעם ווירטשאפטלעכן מצב לאזט זיך דא שטארק שפירן. דער בעסטער סימן דערפאר איז, וואס די עמיגראציע-כוואליע, וואס האט אין משך פון די אכציקער יארן געהאלטן כסדר אין איין שטײַגן, הייבט איצט אן שטארק צו פאלן. די ווײַטערדיקע ציפערן גיבן אונדז א פארגלײַך צווישן דער יידישער אויסוואנדערונג פון רוסלאנד קיין אמעריקע אין די אכציקער און די נײַנציקער יארן:

די יידישע עמיגראציע פון רוסלאנד קיין אמעריקע:

| יאר | צאל עמיגראנטן | יאר | צאל עמיגראנטן | יאר | צאל עמיגראנטן |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| 1886 | 17309 | 1891 | 42145 | 1896 | 45137 |
| 1887 | 28944 | 1892 | 76417 | 1897 | 22750 |
| 1888 | 31256 | 1893 | 36626 | 1898 | 27221 |
| 1889 | 31889 | 1894 | 36725 | 1899 | 24275 |
| 1890 | 33147 | 1895 | 33232 | 1900 | 37011 |

די קרומע פון דער יידישער עמיגראציע פארלויפט, ווי מיר זעען, אין גאנצן פאראלעל צו דער אנטוויקלונג פון דער אלגעמיינער ווירטשאפט.

נאך סוף די אכציקער יארן איז געוועזן דער געפיל ביי א טייל פון די יידישע סאציאליסטן, אז אויפן ארט, אין רוסלאנד גופא, איז ניטא וואס צו טון. די ווירטשאפט האט סטאגנירט, דער פראלעטאריאט האט זיך כמעט ניט פארגרעסערט, א טייל האט

אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. אין אַ שמועס מיט צ. קאָפּעלזאָן האָט איסאַק הורוויטש, דער שוין פֿריער דערמאָנטער טוער אין די מינסקער אַרבעטער-קרײַזלעך, דערקלערט: „דער איינציקער אויסוועג פֿאַר די ייִדישע אַרבעטער איז — די עמיגראַציע קיין אַמעריקע"; „ער איז דעמאָלט געווען פֿול מיט יאוש", דריקט זיך אויס וועגן אים צ. קאָפּעלזאָן. דאָס האָט זיך איצטער ראַדיקאַל געביטן. דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט האָט גלײַכצײַטיק מיטן רוסישן פּראָלעטאַריאַט זיך שטאַרק פֿאַרגרעסערט אין צאָל, די עמיגראַציע האָט איצט רעלאַטיוו ניט אָוועקגענומען אַזוי פֿיל אַרבעטער ווי פֿריער. דער עקאָנאָמישער אויפֿשטײַג האָט אַחוץ דעם געעפֿנט נײַע פּערספּעקטיוון פֿון קאַמף-מעגלעכקייטן און פּראַקטישער אַרבעט. דער פֿאַרגרעסערטער נאָכפֿרעג אויף אַרבעט האָט געשאַפֿן דעם באָדן פֿאַר דער ערפֿאָלגרײַכער שטרײַק-באַוועגונג, וואָס האָט זינט 1893 פֿאַרכאַפּט אַ ריי שטעט פֿון ייִדישן תּחום. דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט האָט געקראָגן מער צוטרוי צו זיך, האָט אָנגעהויבן גלייבן אין זײַנע כּוחות. דער געפֿיל פֿון שטאַרקסטן אָפּטימיזם באַהערשט די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג פֿון די נײַנציקער יאָרן. דערפֿאַר איז דער דאָזיקער פּעריאָד געווען אַזוי פּראָדוקטיוו, אַזוי רײַך אין איניציאַטיוו און נײַע שאַפֿונגען.

נאָכן פּרוּוו פֿון אַן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטן (דעם 1 מערץ 1887), בײַ וועלכן די ווילנער נאַראָדאָוואָלצעס זײַנען אויך געווען פֿאַרמישט, איז דאָ די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט טיילווײַז איבערגעריסן געוואָרן. דער גרעסטער טייל פֿון די פֿריערדיקע טוערס האָט געמוזט פֿאַרלאָזן ווילנע. דאָס האָט אָבער פֿון דער אַנדער זײַט אויך געהאַט געוויסע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, ווײַל עס האָט פֿאַרגיכערט די ליקווידאַציע פֿון דער נאַראָדאָוואָלישער אידעאָלאָגיע. פֿון די פֿריערדיקע טוערס איז געבליבן בלויז ל. יאָגיכעס, וועלכער האָט צוזאַמען מיט קאָפּעלזאָנען (טימאָפֿיי) ווידער אָרגאַניזירט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין ווילנע. עס ווערן געשאַפֿן די ערשטע אַרבעטער-קאַסעס, וועלכע בילדן איצט אַ ברייטערע מאַסן-באַזע פֿאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די ערשטע קאַסע איז געשאַפֿן געוואָרן אין יאָר 1888 בײַ די זאָקן-מאַכערקעס, ווײַטער זײַנען נאָך געשאַפֿן געוואָרן אַזעלכע קאַסעס בײַ שנײַדערס, שטעפּערס, זעצערס, שלאָסערס, קאָנווערטן-מאַכערס א"אַנד. דאָס זײַנען געווען דער עיקר קאַסעס פֿון קעגנזײַטיקער הילף, נאָר גאָר באַלד האָבן זיי זיך געמוזט פֿאַרוואַנדלען אין „קאַמפֿקאַסעס", וואָס האָבן געהאַט דעם צוועק צו אָרגאַניזירן און מעגלעך צו מאַכן דעם קאַמף פֿון די אַרבעטער קעגן די בעלי-בתּים.

אין 1888 איז פֿאָרגעקומען אַ שטרײַק פֿון זעצערס אין סירקינס דרוקערײַ. אָנגעפֿירט דעם שטרײַק האָט ל. יאָגיכעס, עס זײַנען געווען באַטייליקט 30 אַרבעטער. אין 1890 איז אין ווילנע פֿאָרגעקומען די ערשטע גרעסערע אומלעגאַלע פֿאַרזאַמלונג. דאָס איז געווען אַ טרויער-פֿאַרזאַמלונג צום אָנדענק פֿון דעם ניט לאַנג פֿאַרשטאָרבענעם חבֿר סווערדלאָוו. אַן איבערגעגעבענער און געטרײַער טוער, וואָס האָט נאָך געהערט צו די ערשטע ייִדישע אַרבעטער-קרײַזלעך אין מינסק, אַ תּלמיד פֿון ע. אַבראַמאָוויטשן, פֿאָרט ער 1887 אַריבער קיין ווילנע, וווּ ער איז זייער טעטיק בײַ דער אָרגאַניזירונג פֿון די דרוקערס. אין דער דאָזיקער טרויער-פֿאַרזאַמלונג זײַנען געווען באַטייליקט 50—60 מאַן.[77]

די עיקר אויפֿגאַבע אָבער, וואָס די סאָציאַליסטישע קרײַזלעך האָבן זיך געשטעלט, איז נאָך אויך איצט ניט געווען די פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פֿון די אַרבעטער און די פֿירונג פֿון עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר די צוגרייטונג פֿון אַ באַוווּסטזיניקער אַרבעטער-אינטעליגענץ, וואָס זאָל מיט דער צײַט קענען אָנפֿירן די סאָציאַליסטישע אַרבעט. אין די קרײַזלעך האָט מען זיך דערפֿאַר פֿאַרנומען דער עיקר מיט בילדונג. מען האָט געלערנט מיט די ייִדישע אַרבעטער קודם-כּל די רוסישע שפּראַך, כּדי זיי צו פֿאַרשאַפֿן אַ צוטריט צו דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור און צו בילדונג בכלל, וואָס איז דעמאָלט אין

77 א. ליעסין, די ערשטע געהיימע פֿאַרזאַמלונג; ז"ב „ווילנע" (ניו-יאָרק 1935), ז' 127.

יידיש כמעט ניט געווען מעגלעך. אין די קרײַזלעך האָט מען געפירט די אַרבעט אויף רוסיש, אָדער ריכטיקער אויף אַ „יידיש-רוסישער" אָדער „רוסיש-יידישער" שפּראַך. ווײַטער האָט מען געלערנט מיט די אַרבעטער נאַטור-וויסנשאַפט און אַנדערע וויסנשאַפטן און נאָר מיט די מער אַנטוויקלטע האָט מען געלערנט אויך פּאָליטישע עקאָנאָמיע און מאַרקסיזם.

מיר קענען זיך דאָ אָבער ניט אָפּשטעלן אויספירלעכער אויף דעם דאָזיקן פּעריאָד, וועלכער איז שוין אין אַ היפּשער מאָס באַהאַנדלט געוואָרן סײַ אין דער פאָרם פון זכרונות פון די דירעקט באַטייליקטע, סײַ אין די היסטאָרישע אַרבעטן פון ב. פרומקין, וול. אַקימאָוו, בורגין, נ. א. בוכבינדער א"אַנד. דאָ ווילן מיר דער עיקר אָנווײַזן אויף יענע וויכטיקע פאַקטן און דערשײַנונגען, וואָס זײַנען ביז אַהער טיילווײַז געבליבן אין שאָטן, טיילווײַז אין גאַנצן אומבאַקאַנט. מיר וועלן דערפאַר דאָ געבן אין קורצע שטריכן בלויז די וויכטיקסטע עטאַפּן און אויספירלעכער באַהאַנדלען נאָר יענע פּראָבלעמעס, וואָס מען האָט זיי, לויט אונדזער מיינונג, ביז אַהער ניט געשאָנקען דעם געהעריקן אויפמערק.

די צענטראַלע גרופּע, וואָס האָט אָנגעפירט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין ווילנע, האָט זיך ביסלעכווײַז פאַרגרעסערט. זינט 1889—1890 זײַנען צוגעקומען י. אײַזנשטאַט, אַ. קרעמער, פּאַטי סרעדניצקי, ליובע אײַזנשטאַט-לעווינסאָן, דזשאָן מילל, ש. גאָזשאַנסקי („דער לערער"), וול. קאָסאָווסקי א"אַנד. שוין די דאָזיקע קורצע רשימה פון די וויכטיקסטע טוערס זאָגט עדות, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט האָט איצט אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער און פאַרנעם. די דערמאָנטע נעמען טרעפן מיר אָן אויסנאַם אין משך פון צענדליגער יאָרן אין דער כראָניק פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. בעת פון די טוערס פון די פריערדיקע קרײַזלעך איז אייגנטלעך כמעט קיינער ניט (פון די וויכטיקע טוערס—בלויז זשעניע הורוויטש) געבליבן פאַרבונדן מיט דער יידישער באַוועגונג, אַ באַדײַטיקער טייל איז אַפילו בכלל פאַרשוווּנדן פון דער רעוואָלוציאָנערער וועלט, איז די דאָזיקע פירנדיקע גרופּע דאָס גאַנצע לעבן געבליבן געטרײַ דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג בפרט. ביז אַהער האָבן מיר געהאַט צו טון מיט מער אָדער ווייניקער וויכטיקע עפּיזאָדן, וואָס האָבן אויך בײַ זייערע אָנטיילנעמער ניט איבערגעלאָזט יענעם טיפן אײַנדרוק, וואָס באַהערשט דאָס גאַנצע לעבן. איצט איז געשאַפן געוואָרן די יידישע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער-באַוועגונג און די באַטייליקטע פילן איצט שוין גאַנץ דײַטלעך, אַז דאָס איז ניט סתם אַ צופעליקע אַרבעט אין אַ קרײַזל, נאָר אַז דאָ ווערט געשאַפן עפּעס נײַס, אַז עס ווערט אַרײַנגעשריבן אַ נײַער קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע. באַקענט מען זיך נעענטער מיט דער געשיכטע פון דעם דאָזיקן קרײַז פּיאָנערן פון דער „גרופּע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן", זעט מען, אַז שוין גלײַך פון אָנהייב אָן האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דעם צענטראַלן באַטײַט פון זייער אַרבעט, פון זייער אַזוי צו זאָגן היסטאָרישער מיסיע. זיי אָרגאַניזירן די סאָציאַליסטישע אַרבעט אין אַ ריי שטעט פון יידישן תחום, אין וואַרשע, מינסק, סמאָרגאָן, ביאַליסטאָק, דעם בערשטער-ראַיאָן, אָדעס אאַז"וו. זיי מאַכן אַ גאַנצע ריי פּרווון זיך צו שטעלן אין פאַר־בינדונג מיט רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין די וויכטיקסטע רוסישע צענטערס, ווי קיעוו, מאָסקווע, פּעטערבורג, מיטן צוועק צוצוגרייטן די גרינדונג פון אַן אייניהייטלעכער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר גאַנץ רוסלאַנד. די ווילנער גרופּע האָט גלײַך פון אָנהייב אָן אין זיך געפילט דעם באַרוף פון אַ צענטער פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעט אין גאַנצן יידישן ראַיאָן און האָט אויף זיך גענומען די דאָזיקע אַחריות און די דערמיט פאַרבונדענע געוואַלדיקע לאַסט.

אַ גליקלעכער אומשטאַנד האָט זייער שטאַרק מיטגעהאָלפן בײַ דער רעאַליזירונג פון די דאָזיקע גרויסע אַמביציעס. אין משך פון אַ סך יאָרן איז ווילנע געבליבן געשאָנעוועט פון פּאָליצייִשע דורכפאַלן, וואָס האָבן אַזוי אָפט אַכזריותדיק צעשטערט די גליקלעך

אָנגעהויבענע פּרווון. ביזן יאָר 1898 זײַנען אין ווילנע קיין גרעסערע אַרעסטן ניט פֿאָרגעקומען, און דער גרעסטער טייל פֿון די טוערס האָט געהאַט דאָס גליק אין משך פֿון יאָרן צו שטיין אָן הפסקה בײַ דער אַרבעט. אין משך פֿון די צען יאָר איז די אַרבעט קיינמאָל ניט איבערגעריסן געוואָרן. די קאַסע פֿון די שנײַדערינס, למשל, האָט אין 1899 געפֿײַערט דעם צען־יאָריקן יובילײ פֿון איר גרינדונג. מחמת דעם האָט דאָ געקענט געשאַפֿן ווערן אַ טראַדיציע, עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ רעוואָלוציאָנערע דערפֿאָרונג, מיט איין וואָרט—דאָס אַלץ, וואָס צייכנט אויס אַ באַוועגונג און שיידט זי אונטער פֿון צופֿעליקער קרײַזל־אַרבעט. דער געפֿיל, אַז מען אַרבעט ניט בלויז פֿאַרן הײַנט, נאָר אַז מען איז אַן אָרגאַניש רינגעלע פֿון אַ גרויסער היסטאָרישער באַוועגונג, אַז מען איז אַ יורש און מען איז ווײַטער מוסר די ירושה, שאַפֿט אַ גאַנץ אַנדער באַציִונג בײַ די באַטייליקטע. אַ קרײַזל איז תּמיד עלול זיך פֿונאַנדערצופֿאַלן. אַרעסטן, עמיגראַציע, אָפּטמאָל ווערן די מענטשן פּשוט מיד און גייען אַוועק. דער סימן מובהק פֿון אַ באַוועגונג איז אָבער גראָד דאָס, וואָס זי איז ווייניקער אָנגעוויזן אויף יחידים, וואָס זי איז לויט איר גאַנצן מהות אייביק—בכל אופֿן אין דעם גלויבן פֿון די אָנהענגער. אָט דעם דאָזיקן מאָמענט פֿון היסטאָרישער דויערהאַפֿטיקייט, וועלכער איז אַזוי אויסערגעוויינטלעך וויכטיק כּדי צו באַגײַסטערן און מיטצורײַסן, האָט די ווילנער גרופּע אַרײַנגעטראָגן אין איר אַרבעט.

אָנהייב די נײַנציקער יאָרן הייבט זיך אָן אַ ברייטע עקספּאַנסיווע טעטיקייט, וועלכע טראָגט אַרויס די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע פֿון ווילנע איבער אַ רײ וויכטיקע פּונקטן פֿון דעמאָלטיקן ייִדישן תּחום.

אין 1890–1891 האָבן איינציקע ווילנער געשאַפֿן די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע קרײַזלעך אין וואַרשע. בערך אין דער זעלביקער צײַט גרינדן זיך די ערשטע אַרבעטער־קרײַזלעך אין סמאָרגאָן, אַ באַדײַטיקער צענטער פֿון דער גאַרבערײַ; דאָ האָט געאַרבעט אין דער ערשטער צײַט ליובע גינצבורג (שפּעטער די פֿרוי פֿון אַ. ליעסין). די אַרבעט אין סמאָרגאָן ווערט געפֿירט אין ענגסטן קאָנטאַקט מיט ווילנע. אין 1892 קומט קיין מינסק אַ גרופּע ווילנער (פּאַוועל בערמאַן, ליובע יוזעפֿאָוויטש), וועלכע בויען דאָ אויף פֿון דאָס נײַ די ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע; די אַרבעטער־קרײַזלעך פֿון די אַכציקער יאָרן זײַנען זיך דאָ אַלע צעפֿאַלן, פֿון די טוערס פֿון יענער צײַט, וואָס האָבן זיך אויך איצט אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט, איז געווען בלויז זשעניע הורוויטש. גלײַכצײַטיק זײַנען אין מינסק געשאַפֿן געוואָרן אַ רײ אַרבעטער־קרײַזלעך, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַ. ליעסין. אין די יאָרן 1892–1895 ווערן געשאַפֿן פֿאַרבינדונגען מיט סאָציאַליסטישע גרופּעס אין וויטעבסק—ווו עס האָט געאַרבעט די ערשטע צײַט דער פֿרי פֿאַרשטאָרבענער אַבֿרהם אַמסטערדאַם, אין קאָוונע—ווו ס'האָט געאַרבעט נח פּאָרטנאָי (אַרעסטירט געוואָרן 1895), אין האָמעל און בריסק. אין 1895 ווערט אויך אָרגאַניזירט דער בערשטער־ראַיאָן אין דער גאַנצער געגנט פֿון ליטע און ווײַסרוסלאַנד (קרעסלאַווקע, ווילקאָווישק א״אַנד). אין דעם זעלביקן יאָר שיקט די ווילנער גרופּע אייניקע פֿון אירע בעסטע חבֿרים (צווישן זיי ש. גאָזשאַנסקין און ליובע אײַזענשטאַדט—לעווינסאָן) צו אָרגאַניזירן די אַרבעט אין דעם וויכטיקסטן אינדוסטריע־צענטער אין ליטע, ביאַליסטאָק. גלײַכצײַטיק ווערט געשיקט קיין אָדעס י. אײַזענשטאַדט, וועלכער נעמט זיך פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע פֿון די דאָרטיקע ייִדישע טאַבאַק־אַרבעטער—אייניקע רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך פֿון ייִדישע אַרבעטער אין מלאָכה־פֿאַכן זײַנען שוין דאָ געווען פֿון פֿריער. אומעטום האָט ווילנע די פֿירונג, אָדער בכל אופֿן ווערט די ווילנער גרופּע באַטראַכט ווי אַ גײַסטיקער צענטער. די ווילנער צייכענען זיך אויס מיט זייער געניטשאַפֿט, מיט זייער מאַרקסיסטישער בילדונג און זייער אָרגאַניזיר־טאַלאַנט. ווילנע באַזאָרגט אויך די אַלע שטעט מיט ליטעראַטור, סײַ וואָס ווערט געבראַכט פֿון אויסלאַנד, סײַ וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אויפֿן אָרט (די ערשטע צײַט געשריבן מיט דער האַנט אָדער העקטאָגראַפֿירט). אויך די מחברים פֿון דער נײַער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אויף ייִדיש געהערן כּמעט אַלע

אויסשליסלעך צו דער ווילנער גרופּע. דער איינציקער אויסנאַם איז מינסק, ווו עס האָט זיך געפֿירט צום טייל אַ זעלבשטענדיקע ליטעראַרישע טעטיקייט.

עס פֿאַלט אויף, וואָס ביז סוף די נײַנציקער יאָרן האָט דאָס געביט פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג זיך כּמעט ניט אַריבערגעטראָגן איבער די גרענעצן פֿון ליטע און ווײַסרוסלאַנד. אין גאַנץ פּוילן איז געווען בלויז איין איינציקע שטאָט — וואַרשע, ווו ס'איז שוין לפֿי-ערך פֿרי אויפֿגעקומען אַ יידישע אַרבעטער-באַוועגונג; אין אַזאַ גרויסן אינדוסטריע-צענטער ווי לאָדזש זײַנען די ערשטע גרופּעס געגרינדעט געוואָרן ערשט אין 1897. מיר האָבן שוין פֿריער אָנגעוויזן, אַז דאָ האָט געשפּילט אַ ראָלע סײַ דער אומשטאַנד, וואָס הגם ליטע און ווײַסרוסלאַנד זײַנען ווירטשאַפֿטלעך געווען אַ סך הינטערשטעליקער לגבי פּוילן, איז אָבער די רעלאַטיווע וואָג פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט געווען ניט אין פֿאַרגלײַך גרעסער סײַ אין יידישן לעבן גופֿא, סײַ אין פֿאַרהעלטעניש צום ניט-יידישן פּראָלעטאַריאַט. דאָ זײַנען דערפֿאַר גראָד די יידישע אַרבעטער געווען די פּיאָנערן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. עס זײַנען פֿאָרגעקומען פֿאַלן, ווען קריסטלעכע סאָציאַליסטן האָבן ניט געפֿונען קיין אַנדער טעטיקייטס-געביט, ווי צווישן די יידישע אַרבעטער. פֿאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וועלכע איז דאָ דערצו נאָך געווען ווייניקער אַסימילירט ווי אין פּוילן, האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זײַן וועגן אָוועקגיין פֿון דער יידישער אַרבעט. גאַנץ אַנדערש איז געווען די לאַגע אין פּוילן. דאָ איז עס געווען פֿאַרקערט: דער ניט-יידישער אַרבעטער איז סײַ אין צאָל, סײַ אין פּרט פֿון אָרגאַניזאַציע און קלאַסן-באַוווסטזיניקייט געשטאַנען פֿיל העכער אין פֿאַרגלײַך מיטן יידישן אַרבעטער. זייער לעבעדיק און רעאַליסטיש ווערט געשילדערט דער צושטאַנד פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין וואַרשע אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „אידישן אַרבייטער“ נומ' 1, דאַטירט פֿון 15טן סעפּט' 1896 [77a]:

„די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג דאָ אין וואַרשע איז טאַקע ווײַט געבליבן הינטער אַנדערע שטעט. עס זײַנען דאָ פֿיל אורזאַכן פֿון דער טרויעריקער ערשײַנונג, איינציקע פֿון זיי וועל איך אויפֿווײַזן. די יידישע אַרבייטער-מאַסע, ווייניקסטענס די ברייטע שיכטע אירע, פֿאַרשטייט ניט, רעדט ניט און לייענט ניט אויף פּויליש. איר שפּראַכרעדע איז יידישער זשאַרגאָן, אויף דעם לייענען אַרבעטער און פֿאַרשטייען ביכער. די פֿאָרשטייער פֿון פּאָלנישע אַרבעטער-באַוועגונג צוליב דעם אַליין, ווען זיי וואָלטן שוין געוואָלט, (וואָלטן זיי) ניט געקענט גאָר נישט טאָן צווישן די יידישע אַרבעטער. די גאַנצע ליטעראַטור פֿון די פּאָלישע אַרבעטער איז געווען פֿאַר די יידישע מאַסן אומפֿאַרשטענדליך. און דעריבער איז זי געשטאַנען גאַנץ אָן אַ זײַט פֿון די פּאָלישע אַרבעטער-באַוועגונג. די פֿאָרשטייער פֿון דער פּאָלישער אַרבעטער-באַוועגונג האָבן אויף איר קיין אײַנפֿלוס געהאַט. די פּאָלישע אַרבעטער-באַוועגונג איז אַלץ געוואַקסן, האָט זיך אַלץ געשטאַרקט, זי האָט אַרומגענומען אַלץ גרעסערע און גרעסערע שיכטן אין דער אַרבעטער-מאַסע, איבערהויפּט זײַנען (די פּאָלישע אַרבייטער) געווען אין פֿלאַר. נאָר דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז געבליבן צוויגליך אין טיפֿן שלאָף, אַזוי ווי פֿאַרשטיינערט, די פּאָלישע אַרבעטער האָבן געשטײַגט און דערשלאָגן זיך איין קורצן אַרבעטסטאָג און (אין) די האַנדווערקמען [האַנדווערקערײַען ?] אַרבעטן זיי זעלטן מערער ווי 12 שעה. די יידישע אַרבעטער אַרבעטן 14 — 16 און 18 שעה אויך. די קליידער-נייטערקעס און וועשנייטערקעס, די פּאָלישע, אַרבעטן 10 — 11 שעה, די יידישע קליידער און וועש-נייטערקעס אַרבעטן 12 — 14 שעה. אין אַפֿולע פֿאַבריקן אַפֿילו אַרבעטן די קריסטן ווייניקער ווי די יידן (אַזוי צום בײַשפּיל אויף דער פֿאַבריק פֿון שלעסער בײַ פּראָשוועד אַרבעטן די קריסטן 12 שעה און די יידן 13 שעה, אַזעלכע בײַשפּילן קען מען ברענגען פֿיל)“.

[77a] מיר לאָזן איבער אומבאַרירט דעם סטיל, ענדערן נאָר די אָרטאָגראַפֿיע.

דער קאָרעספּאָנדענט באַקלאָגט זיך ווײַטער אויף דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אין דעם יידישן אַרבעטער אין גאַנצן פאַרגעסן, ער פרעגט מיט אַ טאָן פון פאָרוווּרף:

„צי האָט זיי געהאָלפן אין דעריין די יידישע אינטעליגענציע? ניין! פילע יועלן געוויס פרעגן: סטײַטש, ווי אַזוי קען דאָס זײַן? דער פּאָלישער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט האָט דאָך אין זײַנע רייען פיל יידישע אינטעליגענטן און אַרבעטער? ווי זאָ? דאָס איז ריכטיק, אָבער וואָס קומט דערפון אַרויס? די אינטעליגענטן זײַנען געוואָרן פּאָלאַקן מיט לײַב און זעל, די פּאָלישע שפּראַכע — איז געוואָרן זייער שפּראַכע, די פּאָלישע ליטעראַטור — זייער ליטעראַטור. די יידישע אַרבעטער-מאַסע האָט פאַר זיי גאָר ניט עקסיסטירט. פאַר די גאַנצע צײַט, וואָס די פּאָלישע אַרבעטער - באַוועגונג עקסיסטירט, האָט מען פיר די יידישע אַרבעטער אַרויסגעגעבן נור איין ביכל „ווער פון וואָס לעבט”, אַ ביכל וועלכער קען ניט נוצן פאַר די גאַנצע מאַסע. זיי אַלע די יידישע פאָרשטייער זײַנען געוועזן נוצליך נאָר דעם פּאָלישן אַרבעטער - באַוועגונג, זיי האָבן פאָרשפּרייט פאַרשטאַנד נור צווישן די פּאָלישע אַרבעטער-מאַסע. זיי זײַנען אָבער געוועזן גאַנץ אומנוצליך די יידישע אַרבעטערמאַסע. זיי זײַנען ניט אַרײַנגעגאַנגען אין אירע אינטערעסן. די יידישע אַרבעטער זײַנען געבליבן אַלץ בלינד, אומאַנטוויקלט, פאַריאָגטע, נידערשלאָגענע, אָן פאַרשטאַנד, אָן פאַרלאַנג צו קעמפן פאַר זייערע אינטערעסן... די לעצטע צײַט אָבער האָט עס אָנגעהויבן גיין בעסער. אַ יאָר אָנדערטהאַלבן צוריק האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אייניקע פעיִקערע פאַרשטייענדיקערע אַרבעטער, וועלכע האָבן מערער פאַרשטאַנען זייער פליכט אַנטקעגן די יידישע אַרבעטער-מאַסע און די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער, זיי האָבן זיך שוין צוגעהערט צו די אינטערעסן, זיי האָבן זיך גענומען צו באַשיצן זייערע אינטערעסן. אַ שווערע אַרבעט איז זיי פאַרגעשטאַנען: אויפוועקן די יידישע אַרבעטער-מאַסע פון איר שלאָף, באַקעמפן איר גלײַכגילטיקייט, געבן איר פאַרשטאַנד, צוגעבן איר מוט, אַנטוויקלען אין איר דעם ווונטש צו שטרײַטן... מיטן קאַפּיטאַל און מיט די איבעריקע אַרבעטער-פײַנט”.

עס זײַנען אמת געמאַכט געוואָרן פאַרשיידענע פּרוּוון מצד די יידיש-פּוילישע סאָציאַליסטן צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער, אָבער אָן דעם ריכטיקן פּאַטאָס, אָן דער נייטיקער עקשנות, וואָס די דאָזיקע אויפגאַבע האָט פאַרלאַנגט.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט דאָ ניט געהאַט קיין שום קאַמף-אָרגאַניזאַציעס, וואָלט געוועזן פאַלש צו מיינען, אַז מצד די יידישע אַרבעטער זײַנען בכלל ניט געפירט געוואָרן קיין שום אַקציעס מיטן צוועק צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. אין 1891 האָבן אין וואַרשע געשטרײַקט 300 „ווײַסגאַרבער” יידן און קריסטן צוזאַמען. דער שטרײַק האָט געדויערט זעקס וואָכן און האָט זיך געענדיקט מיטן ניצחון פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן דורכגעפירט אַ פאַרקירצונג פון דער אַרבעטסצײַט אויף איין שעה און אַ הוספה פון אַ האַלבן רובל אַ וואָך.[78] אין דעם זעלביקן יאָר זײַנען נאָך פאָרגעקומען אַ ריי שטרײַקן, ווו עס זײַנען געוועזן באַטייליקט יידישע אַרבעטער. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז אין דעם פּרט דער שטרײַק אין דער גרויסער טאַבאַק-פאַבריק פון פּאָליאַקעוויטש אין וואַרשע, וועגן וועלכע מיר האָבן צופעליק ידיעות פון צוויי באַזונדערע מקורים. אין „אַרבייטער שטיממע”, אין אַ קאָרעספּאָדענץ פון וואַרשע וועגן פּאָליאַקעוויטשעס פאַבריק, ווערט דערציילט: „מיט 8 יאָר צוריק, ווען זיי (די אַרבעטער) האָבן געשטרײַקט איבער דעם, וואָס מ'האָט דעם פּרײַז אַראָפּגעריסן, האָבן די עלטערע מײַסטראָוועס זיי אָפּגענאַרט. די מײַסטראָוועס האָט מען געהעכערט און די יינגערע ניט”.[79] אויספירלעכער איז די נאָטיץ וועגן דעם זעלביקן שטרײַק אין דער

[78] L. Kulczycki, Geschichte der russischen Revolution, B. III, p. 270.

[79] „אַרבייטער שטיממע” (אומלעג' אָרגאַן פון „בונד”), ז' 14 (אויגוסט 1899).

העברעישער צייטונג „הצפירה": „אין דער דאזיקער שווערער צייט, ווען דער יקרות אויף אלע לעבנס-מיטלען האלט פסדר אין שטייגן און טויזנטער יידישע משפחות ליידן הונגער און נויט, איז געשען אן אומגלייבלעכער פאקט, אז איינער פון די יידישע טאבאק-פאבריקאנטן אין אונדזער שטאט ווארשע האט ארויסגעטריבן פון זיין פאבריק (גרש מביתו) 150 יידישע ארבעטער, ווייל ער האט געוואלט זיי דערמיט צווינגען צו ארבעטן פאר נידעריקערע שכירות, וואס דאס קען ניט קלעקן אויף צום לעבן, און ער האט גענומען אנדערע ארבעטער אויף זייער ארט. און די אומגליקלעכע יידישע ארבעטער (והפועלים האומללים מאחב"י) גייען שוין ארום עטלעכע וואכן אן ארבעט און זייערע פאמיליעס זיינען פארשמאכט פון הונגער. אויב עס זיינען ריכטיק די דאזיקע טענות, וואס זיינען דערגאנגען צו אונדזערע אויערן פון די אומגליקלעכע ארבעטער, וואס דאס איז אונדז שווער צו גלייבן, איז עס דאך א חרפה און א בושה".[80]

אין זייער יאוש ווענדן זיך די יידישע ארבעטער צו דער יידישער פרעסע, כדי צו ווירקן אויף דער עפנטלעכער מיינונג. עס ווייזט אויס, אז דער פאבריקאנט האט געפרוווט אוועקזעצן אויפן ארט פון זיינע יידישע ארבעטער קריסטן, דערפאר ווערט אזוי באטאנט, וואס די „פועלים מאחינו בני ישראל" גייען ארום ליידיק. דער שטרייק האט זיך געצויגן א לאנגע צייט און איז געפירט געווארן מצד די ארבעטער מיט גרויס עקשנות.

ווי מיר האבן שוין פריער געזען, ברענגט דאס יאר 1893 די אנטשיידנדיקע ווענדונג אין דער אנטוויקלונג פון דער ווירטשאפטלעכער קאניונקטור אין רוסלאנד. דער געוואלדי,ער ווירטשאפטלעכער אויפשטייג ביזן סוף ניינציקער יארן האט געשאפן דעם באדן פאר דער פראלעטארישער מאסן-באוועגונג, און עס איז זיכער ניט קיין צופאל, וואס גראד אין דער זעלביקער צייט קומט פאר יענער ראדיקאלער איבערבראך אין דער יידישער סאציאליסטישער באוועגונג, וועלכער ווערט געווייינטלעך באצייכנט, ווי דער איבערגאנג פון פראפאגאנדע צו אגיטאציע, פון קרייזל-ארבעט צו א ברייטער מאסן-באוועגונג.

אויך פריער האט זיך די ארבעט אין ווילנע ניט באגרענעצט אויסשליסלעך אויפן געביט פון פראפאגאנדע. מיר האבן שוין דערמאנט וועגן דעם שטרייק ביי די זאקן-מאכערקעס אין 1885, דער שטרייק ביי די דרוקערס, ארגאניזירט פון ל. יאגיכעסן אין 1888. אויף דער זעלביקער ליניע ליגט צום טייל די גרינדונג פון די קאסעס, וועלכע האבן ניט בלויז געהאט דעם צוועק צוצוגרייטן דעם מענטשן-מאטעריאל פאר דער סאציאליסטישער פראפאגאנדע. אבער בלי ספק האט זיך דער הויפט-אויפמערק פון די טוערס קאנצענטרירט אויף דער אויפגאבע אויסצובילדן אן ארבעטער-אינטעליגענץ, ארויסזוכן פון דער מאסע די פעיקסטע, איבערגעגעבנסטע און אזוי ארום צוגרייטן א סאציאליסטישן אוואנגארד. די דאזיקע ארבעט איז געפירט געווארן אין משך פון עטלעכע יאר, האט אבער ניט געגעבן די געהאפטע רעזולטאטן. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז די ענגע קרייזל-ארבעט האט געשאפן א תהום צווישן דער גרויסער פראלעטארישער מאסע און דער קליינער צאל אויסדערוויילטע, וואס האבן א דאנק דער ארבעט פון דער סאציאליסטישער אינטעליגענץ באקומען א געוויסע אלגעמיינע און סאציאליסטישע אויסבילדונג. די מיטגלידער פון די סאציאליסטישע קרייזלעך האבן אפילו אנגעהויבן צו קוקן פון אויבן אראפ אויף דער פשוטער מאסע, וואס האט נאך ניט געהאט דאס גליק צו געניסן פון דער רוסישער בילדונג אין די פראפאגאנדע-קרייזלעך. א טייל ארבעטער, וואס זיינען דורכגעגאנגען די קרייזלעך, האבן זיך מיט דער צייט אויך סאציאל דערווייטערט פון דער מאסע. אייניקע זיינען געווארן זעלב-שטענדיקע בעלי-מלאכות און האבן אפילו אליין אנגעהויבן צו באשעפטיקן ארבעטער,

---

[80] „הצפירה", 1891, נו' 286.

אַ טייל האָבן זיך אָנגעהויבן לערנען און זײַנען אַוועק פֿון זייערע פֿריערדיקע פּראָפֿעסיעס. עס זײַנען משמעות געווען גראָד די פֿעיִקסטע און פֿלײַסיקסטע, וואָס זײַנען אַרײַנגענומען געוואָרן אין די קרײַזלעך.

פֿאַר דער פֿירער-גרופּע איז קלאָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער וועג פֿירט ניט צום ציל, אַז אין דער ריכטונג זײַנען אַלע מעגלעכקייטן אויסגעשעפּט און עס איז שוין צײַט איבערצוגיין צו נײַע פֿאָרמען פֿון אַרבעט און אַרײַנצוציען אין דער באַוועגונג ברייטערע מאַסן. מען קען זיך דערפֿאַר מער ניט באַנוגענען מיט די מעטאָדן פֿון פּראָפּאַגאַנדע, וואָס זײַנען ניט צוגעפּאַסט פֿאַר דער גרויסער מאַסע, נאָר מען מוז איבערגיין צו אַגיטאַציע אויפֿן באָדן פֿון די טאָג-טעגלעכע נויטן, וואָס אינטערעסירן דעם פּשוטן אַרבעטער. אין דער ערשטער שורה איז געשטעלט געוואָרן די אויפֿגאַבע פֿון עקאָנאָמישן קאַמף, פֿון אַרײַנציען די אַרבעטער אין אַ באַוועגונג פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון זייערע אַרבעטס-תּנאָים. פֿאַרבינדן די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע מיטן קאַמף פֿאַר די פּראַקטישע פֿאָדערונגען פֿון פּראָלעטאַריאַט, פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון זײַן מאַטעריעלן מצבֿ—דאָס איז געווען דער צענטראַלער געדאַנק פֿון דער נײַער טאַקטיק. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז דער וויכטיקסטער פֿאַקטאָר איז דאָ אייגנטלעך געווען די ווענדונג אין דער ווירטשאַפֿטלעכער קאָניונקטור. אָן דעם וואָלט דער פּראַקטישער קאַמף פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרבעסערונגען, פֿאַר אַ קירצערן אַרבעטסטאָג און העכערע שכירות ניט געווען מעגלעך. די נײַע טאַקטיק איז געווען דער אידעאָלאָגישער אויסדרוק פֿון דער נײַער עקאָנאָמיק. דערפֿאַר האָבן איצט די דאָזיקע נײַע געדאַנקען געפֿונען אַזאַ באַלדיקע און גלענצנדיקע רעאַליזירונג.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נײַער טאַקטיק הייבט זיך אָן אַ ברייטע שטרײַק-באַוועגונג בײַ די ייִדישע אַרבעטער אין ווילנע און אין נאָך אייניקע אַנדערע שטעט. דער קאַמף ווערט געפֿירט דער עיקר אַרום דער פֿאָדערונג פֿון אַ 12-שעהדיקן אַרבעטסטאָג (אַרײַנגערעכנט 2 שעה הפּסקות אויף פֿרישטיק און מיטאָג). „די אַרבעטער שטיצן זיך דערבײַ אויף אַן אַלטן, לאַנג פֿאַרגעסענעם, רוסישן געזעץ, נאָך פֿון יאָר 1779, וואָס האָט רעגולירט די אַרבעטסצײַט אין מלאָכה-וואַרשטאַטן אויף 12 שעה; זיי פֿאַרלאַנגען איצטער פֿון די בעלי-בתּים די דורכפֿירונג פֿון דעם דאָזיקן געזעץ און ווענדן זיך גלײַכצײַטיק וועגן דעם ענין צו דער מאַכט,—צום גובערנאַטאָר, פֿאַבריק-אינספּעקטאָר ודומה. דער קאַמף קריגט אַזוי אַרום אַ לעגאַלן באָדן און דאָס העלפֿט שטאַרק דעם מאַסן-כאַראַקטער פֿון דער באַוועגונג.

די נײַע טאַקטיק, אויסגעאַרבעט און מיט דעם גרעסטן ערפֿאָלג אויסגעפּרוּווט אין ווילנע, האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גאַנץ רוסלאַנד. אָבער ערגעץ האָט דאָס ניט געקענט מאַכן אַזאַ רושם און ניט געהאַט אַזעלכע רעזולטאַטן, ווי אין ייִדישן תּחום. פֿאַר די רוסישע סאָציאַליסטישע גרופּעס איז עס געווען נאָר אַ פֿראַגע פֿון טאַקטיק, פֿון מעטאָדע, פֿאַר די ייִדישע סאָציאַליסטן אָבער איז עס געוואָרן אַ צענטראַלע פּראָבלעם, וועלכע האָט אַוועקגעשטעלט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אויף גאַנץ נײַע רעלסעס.

מיט דעם איבערגאַנג פֿון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע איז געווען פֿאַרבונדן דער איבערגאַנג פֿון רוסיש צו ייִדיש, ווי די שפּראַך פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. כּל-זמן די אַרבעט איז געפֿירט געוואָרן אין קליינע קרײַזלעך, האָט מען געקענט אויסקומען מיט רוסיש. אַ טייל פֿון די מער אַנטוויקלטע אַרבעטער האָבן אַ ביסל שוין געקענט רוסיש, אַ טייל האָט זיך ערשט אין די קרײַזלעך אויסגעלערנט. גאָר אַנדערש האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע איצטער, ווען מען איז צוגעטראָטן צו אַ מאַסן-אַגיטאַציע: דאָס איז מעגלעך געווען נאָר אויף דער פֿאָלקשפּראַך, אויף ייִדיש. דער פּועל-יוצא דערפֿון איז אָבער געווען אַ סך אַן ערנסטערער. איבערגאַנג צו ייִדיש האָט פֿאַקטיש באַטײַט אַ זעלבשטענדיקע ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג: עס מוזן געשאַפֿן ווערן ספּעציעלע

יידישע אָרגאַניזאַציעס פֿאַר יידישע אַרבעטער, עס מוז געשאַפֿן ווערן אַ רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור אויף יידיש, עס מוז בכלל געשאַפֿן ווערן אַ קולטור אין יידיש. די נײַע טאַקטיק האָט בכן אַוועקגעשטעלט פֿאַר די איניציאַטאָרן אַ ריי נײַע גרויסע אויפֿגאַבן פֿון היסטאָרישן פֿאַרנעם.

צי איז אָבער בכלל פֿאַראַן אַ יידישער פּראָלעטאַריאַט, צי זײַנען די יידישע אַרבעטער, וואָס זײַנען באַשעפֿטיקט דאָס רובֿ אין צווײַגן פֿון מלאָכה, מסוגל זיך ווי געהעריק צו אָרגאַניזירן, בילדן זיי דעם ריכטיקן מאַטעריאַל פֿאַר אַ סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע? — די דאָזיקע פֿראַגע האָט זיך איצט אַוועקגעשטעלט אין איר פֿולער שאַרפֿקייט, און די איניציאַטאָרן פֿון דער נײַער טאַקטיק האָבן דערויף געענטפֿערט דורכויס פּאָזיטיוו. געוויס, פֿאַר די אַרבעטער, וואָס זײַנען קאָנצענטרירט אין די גרויסע אונטערנעמונגען, איז די מעגלעכקייט זיך צונויפֿצורייידן באַדײַטיק גרינגער; די אַרבעטער אין די מלאָכה-צווײַגן זײַנען מער צעברעקלט, צעוואָרפֿן איבער פֿאַרשיידענע אונטערנעמונגען, די קלאַסן-היפּוכים פֿילן זיך דאָ ניט אַזוי שאַרף, מחמת דער אונטערשייד צווישן דער סאָציאַלער לאַגע פֿון מײַסטער און אַרבעטער איז ניט אַזוי גרויס. דערפֿון איז אָבער פֿאַלש צו מאַכן דעם אויספֿיר, דערקלערט דער מחבר פֿון דער בראָשור „וועגן אַגיטאַציע״ (אַ. קרעמער), אַז דאָ איז ניטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר סאָציאַלע קאַמפֿן. אין אַ געוויסן זינען שאַפֿט פֿאַרקערט די קליין-אינדוסטריע און מלאָכה מער גינסטיקע תּנאָים פֿאַר סאָציאַליסטישער אַרבעט: „די קוואַליפֿיצירטע פֿאַך-אַרבעטער שטייען קולטורעל העכער, ווי די ניט קוואַליפֿיצירטע, מען קען זיי ניט אַזוי גרינג פֿאַרבײַטן מיט אַנדערע, זיי קענען לײַכטער ווערן זעלבשטענדיק און האָבן ניט אַזוי מורא צו פֿאַרלירן דעם אַרבעטספּלאַץ. די גרויסע צאָל קליינע וואַרשטאַטן גיט זיי די מעגלעכקייט איבערצוגיין פֿון איין בעל-הבית צום צווייטן. דאָס אַלץ פֿאַרגרינגערט אין אַ היפּשער מאָס די פֿירונג פֿון קאַמפֿן״.

נייטיקט זיך אָבער בכלל די רוסישע רעוואָלוציע אין די יידישע אַרבעטער? בילדן דען ניט יידן אַזאַ נישטיקן כּוח, וואָס קען לחלוטין ניט משפּיע זײַן אויף דעם גאַנג פֿון דער באַוועגונג? און אויב דאָס איז אַזוי, וועלכן זינען האָט די גאַנצע אַרבעט? אויך די פֿראַגע איז געשטאַנען פֿאַר די ווילנער און אויך אויף איר איז געגעבן געוואָרן דער נייטיקער ענטפֿער: דער יידישער פּראָלעטאַריאַט בילדעט גאָר ניט אַזאַ נישטיקן כּוח, ווי מען שטעלט זיך דאָס געוויינטלעך פֿאָר. אין דער בראָשור „אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן״ ווערט דערבײַ אָנגעוויזן אויף נאָך אַ וויכטיקן מאָמענט. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט נאָר אויף אַזוי פֿיל געניסן פֿון דער רעוואָלוציע, וועט זיך אין אַזאַ מאָס דערשלאָגן רעכט, ווי גרויס עס וועט זײַן זײַן אייגענער כּוח, זײַן אייגענער חלק אין שותּפֿישן קאַמף פֿאַר באַפֿרײַונג. דערפֿאַר מוז מען זען, אַז דער יידישער אַרבעטער זאָל זײַן בעסער אָרגאַניזירט, זאָל זיך ווי געהעריק באַטייליקן אין דער אַלגעמיינער באַפֿרײַונגס-באַוועגונג.

דער גלויבן אין דעם כּוח פֿון דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון אַ יאָרן-לאַנגער ערפֿאָלגרײַכער אַרבעט, וואָס האָט באַוויזן, אַז דער יידישער אַרבעטער איז פֿעיִק זיך צו אָרגאַניזירן און צו קעמפֿן. די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג איז דערמיט פֿאַקטיש געוואָרן זעלבשטענדיק און האָט אויפֿגעהערט צו זײַן נאָר אַ צוגאָב צו דער רוסישער באַוועגונג. אין פֿאַרבינדונג מיט דעם האָט זיך איצט אויך געמוזט שטעלן די פֿראַגע וועגן דעם כאַראַקטער און דער פֿאָרם פֿון דער ווײַטערדיקער אַרבעט צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט, און קודם כּל — וועגן דער מעגלעכקייט און נייטיקייט פֿון אַ זעלבשטענדיקער יידישער אַרבעטער-פּאַרטיי.

די נײַע טאַקטיק האָט, ניט געקוקט אויף דעם ווידערשטאַנד מצד אַ גרויסער צאָל מיטגלידער פֿון די ביזאַהעריקע קרײַזלעך, וואָס האָבן אַ געוויסע צײַט שטאַרק געשטערט דער אַרבעט, סוף כּל סוף געזיגט. אין אַ לפֿי-ערך קורצער צײַט האָט זיך שטאַרק פֿאַרגרעסערט די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער. דער פּעריאָד פֿון ריינער קרײַזל-אַרבעט איז

מיט דעם פאַרענדיקט. די נייע עלעמענטן, וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע, טראָגן אַריין מער לעבן און גאָר אַ נייע נשמה אין דער אַרבעט. דאָס קומט צום אויסדרוק ניט נאָר אין דעם איבערגאַנג צו יידיש, נאָר אויך אין דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן לעבן-שטייגער, וואָס איז גראָד אין יענער צייט געשאַפן געוואָרן.

דער ערשטער מאַי 1895 איז איצט געפייערט געוואָרן ביי גאָר באַזונדערע תנאים. פון 500 אַרבעטער, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין די קאַסעס, זיינען אויף די מאַי-פאַרזאַמלונגען איינגעלאַדן געוואָרן 250. צום ערשטן מאָל האָט מען דאָ אויף אַ פאַר-זאַמלונג פון יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד מיטגעבראַכט רויטע פאָנעס און דערצו נאָך מיט יידישע אויפשריפטן. דער גרויסער ערפאָלג פון די מאַי-פאַרזאַמלונגען (די פייערונג איז פאָרגעקומען אויף צוויי באַזונדערע פלעצער) האָט ענדגילטיק באַוויזן די ריכטיקייט פון דער נייער טאַקטיק. אויף מאָרגן נאָכן ערשטן מאַי איז דורכגעפירט געוואָרן אַן ענגערע פאַרזאַמלונג פון די אַקטיווסטע טוער, פון די „אַגיטאַטאָרן", ווו עס איז אונטערגעפירט געוואָרן דער סך-הכל פון די דערגרייכונגען פאַר דער לעצטער צייט. דעם באַריכט „וועגן די טעאָרעטישע און פּראַקטישע ערפאָלגן פון דער באַוועגונג אין משך פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר" האָט געלייענט דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער סאָציאַליסטישער פירער און טעאָרעטיקער י. מ אַ ר ט אָ װ, וואָס האָט גראָד אין דער דאָזיקער פאַר דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אַנטשיידנדיקער תקופה געאַרבעט אין ווילנע. זיין רעדע האָט געמאַכט אויף די צוהערער גאָר אַ טיפן איינדרוק. „וועגן דער דאָזיקער קליינער פאַרזאַמלונג—לייענען מיר אין באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס זומער 1896—דערמאָנען זיך נאָך עד היום די אַרבעטער מיט באַגייסטערונג, אַזוי שטאַרק איז געווען דער רושם, וואָס דער דאָזיקער אָוונט האָט אויף זיי געמאַכט".[81] מאַרטאָווס רעדע איז אייניקע יאָר שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין רוסיש אונטערן טיטל „אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג"[82] (אַ יידישע איבערזעצונג זע אין „אידישן אַרבייטער" 1900, נומ׳ 9, אונטערן טיטל „די נייע עפּאָכע אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג").

מאַרטאָוו ווייזט אָן אויף דריי וויכטיקע רעזולטאַטן, וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרן פאַרן לעצטן יאָר: 1) די באַוועגונג איז געוואָרן ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ר, זי האָט אַריינגעצויגן ברייטערע שיכטן פון דער אַרבעטערשאַפט; 2) זי איז געוואָרן פּ ר אַ ק ט י ש ע ר, זי פאַרנעמט זיך מיט די ממשותדיקן פראַגן פון אַרבעטער-לעבן; 3) אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט די באַוועגונג באַקומען אַ מער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן כאַראַקטער. ווי אַ פועל-יוצא פון די דאָזיקע ענדערונגען אין דעם כאַראַקטער פון דער באַוועגונג פאָרמולירט דער רעפערענט דאָ צום ערשטן מאָל מיט דער פולסטער קלאָרקייט דעם געדאַנק וועגן דער נייטיקייט פון אַ ז ע ל ב ש ט ע נ ד י ק ע ר יִ ד י ש ע ר אַ ר ב ע ט ע ר-פּ אַ ר ט ײ. דער דאָזיקער זייער וויכטיקער פונקט פאַרדינט אַ גרינדלעכע באַטראַכטונג.

עס איז זייער פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז דער געדאַנק פון אַ זעלבשטענדיקער יידישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע איז דאָ פאָרמולירט געוואָרן פון מאַרטאָוון, ווי זיינע אַ פערזענלעכע מיינונג, וואָס איז געווען אַ נייס און אַפילו אַן איבעראַשונג פאַר די איבעריקע פירנדיקע חברים. דאָס איז אַ גרויסער טעות. די דאָזיקע רעדע איז געהאַלטן געוואָרן ווי אַ פּראָגראַם-רעדע און איז פאַר דעם באַהאַנדלט געוואָרן אין אַן ענגערן קרייז, ווו זי האָט באַקומען די ס אַ נ ק צ י ע פון די איבעריקע חברים. די אידעען, וועלכע ווערן דאָ אַנטוויקלט, זיינען אויך ניט אַזוי ניי, ווי דאָס זעט אויס אויפן ערשטן בליק. זיי פירן ווייטער דעם צענטראַלן געדאַנק, וועלכער איז שוין געוואָרן באַגרינדעט אין די פריער אַרויסגעגעבענע צוויי בראָשורן „וועגן אַגיטאַציע" און „אַ בריוו צו

81 זע די קאָפּיע פון באַריכט אין אַרכיוו פון „בונד" (פאַריז).

82 Поворотный пункт в истории евр. рабочего движения (1900 זשענעווע).

די אַגיט-אַטאָרן". דאָרט האָבן מיר שוין געזען, ווי די מחברים באַמיען זיך צו באַווײַזן, אַז עס איז מעגלעך און עס איז נייטיק אַ שטאַרקע ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג, באַזונדערס כּדי אויסצוקעמפֿן די נייטיקע רעכט פֿאַר די ברייטע ייִדישע מאַסן. די זעלביקע געדאַנקען ווערן דאָ איצט, נאָר אויספֿירלעכער און קלאָרער, פֿאָרמולירט. מאַרטאָוו רעדט אייגנטלעך וועגן נײַע אויפֿגאַבן נאָר אויף וויפֿל זיי זײַנען אַ פּועל-יוצא פֿון די שוין דערגרייכטע רעזולטאַטן, ווי דאָס איז גאַנץ קלאָר צו זען פֿון די ווײַטער געבראַכטע אויסצוגן:

„אין די ערשטע יאָרן פֿון אונדזער באַוועגונג האָבן מיר אַלע אונדזערע האָפֿענונגען פֿאַרבונדן אויסשליסלעך מיט דער באַוועגונג פֿון רוסישן אַרבעטער-קלאַס און אויף זיך אַליין געקוקט נאָר ווי אויף אַ צוגאָב צו דער אַלגעמיין-רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג... מיר האָבן פֿאַרגעסן אײַנצוהאַלטן די פֿאַרבונדנקייט מיט דער ייִדישער מאַסע, וועלכע פֿאַרשטייט ניט די רוסישע שפּראַך". „דערמיט, וואָס מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אין צענטער פֿון דער פּראָגראַם די מאַסן-באַוועגונג, האָבן מיר געמוזט צופּאַסן אונדזער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע צו דער מאַסע, דאָס מיינט צוגעבן זיי אַ מער ייִדישן כאַראַקטער"... „אונדזער דעמאָקראַטישער לאָזונג: „אַלץ דורכן פֿאָלק" דערלויבט אונדז ניט די באַפֿרײַונג פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט פֿון זײַן עקאָנאָמישער, פּאָליטישער בירגערלעכער קנעכטשאַפֿט צו דערוואַרטן ניט פֿון דער רוסישער און ניט פֿון דער פּוילישער באַוועגונג. דער ייִדישער אַרבעטער-קלאַס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גענוג געשלאָסענע מאַסע"... „אונדזער ציל, דער ציל פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס אַרבעטן אין דער ייִדישער סבֿיבֿה, באַשטייט אין דעם, צו שאַפֿן אַ ספּעציעלע ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל ווערן די אָנפֿירערין און דערציערין פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין זײַן קאַמף פֿאַר עקאָנאָמישער, בירגערלעכער און פּאָליטישער באַפֿרײַונג. ...ווי דעם דריטן רעזולטאַט פֿון אונדזער באַוועגונג, ווי דעם דריטן טעאָרעטישן ניצחון איבער דער השפּעה פֿון די בורזשואַזע אידעען, דאַרפֿן מיר שטעלן דעם מער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פֿון אונדזער באַוועגונג".[83]

דער איבערגאַנג צו מאַסן-אַרבעט האָט געפֿירט מיט אַ גלײַכן וועג צו דער שאַפֿונג פֿון אַ זעלבשטענדיקער ייִדישער אַרבעטער-פּאַרטיי, וואָס האָט געפֿונען אַ רעאַליזירונג צוויי יאָר שפּעטער אין דער גרינדונג פֿון „בונד".

די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג וואַקסט זיך אַלץ מער פֿונאַנדער. צום סוף 1895 זײַנען שוין אין ווילנע געווען 27 אָרגאַניזירטע פֿאַכן מיט 850 אַרבעטער. ניט מיט קיין קלענערן ערפֿאָלג ווערט געפֿירט די אַרבעט אין מינסק, ווו אין די יאָרן 1895–96 זײַנען שוין געווען 15 קאַסעס מיט 800 אָרגאַניזירטע אַרבעטער. עס ווערט אויך געגרינדעט אַ קאַסע אין קרעסלאַווקע, עס אָרגאַניזירט זיך די אַרבעט אין גאַנצן בערשטער-ראַיאָן און עס ווערט געשאַפֿן דער „בערשטער-בונד", די ערשטע ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד אין לאַנד-מאָסשטאַב. אַן אינטענסיווע אַרבעט ווערט אויך געפֿירט אין בריסק, וואַרשע און ביאַליסטאָק. זומער 1895 קומען פֿאָר אַ ריי גרעסערע שטרײַקן אין ווילנע, צווישן זיי אַ שטרײַק פֿון איבער 200 טאַבאַק-אַרבעטער אויף דער פֿאַבריק פֿון עדעלשטיין. די שטרײַק-באַוועגונג פֿאַרכאַפּט וואַרשע, מינסק, דעם בערשטער-ראַיאָן. אין דער זעלביקער צײַט פֿאַרשטאַרקן זיך אויך די אָרגאַניזאַציעס פֿון די גאַרבער אין סמאָרגאָן און אָשמענע, ווו עס זײַנען פֿאַר דער צײַט פֿאָרגעקומען אַ ריי שטרײַקן. די גרעסטע באַוועגונג איז אין משך פֿון 1895 פֿאָרגעקומען אין ביאַליס-

83 דעם טײל פֿון מאַרטאָווס בראָשור זע װײַטער איבערגעדרוקט אין דעם באַנד מיט דערקלערונגען.— רעדאַקציע.

טאָק, ווי עס איז סוף זומער אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרײַק פֿון אַלע טעקסטיל-אַרבעטער פֿון גאַנצן ראַיאָן, קריסטן און ייִדן. אין שטרײַק זײַנען געווען באַטייליקט בערך 12000 אַרבעטער, דערפֿון בײַ 3000 ייִדן. דער שטרײַק האָט זיך געפֿירט קעגן דער אײַנפֿירונג פֿון די פֿאַבריק-ביכלעך, וועלכע די אַרבעטער האָבן שוין אַזוי פֿיל מאָל באַקעמפֿט. ניט געקוקט אויפֿן גוואַלדיקן פֿאַרנעם פֿון שטרײַק, האָט ער זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ דורכפֿאַל.

צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן (1896) האָבן די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס צוגעשיקט 4 מאַנדאַטן— פֿון ווילנע, וואַרשע, מינסק און סמאָרגאָן, ווו עס זײַנען בסך הכּל געווען 3000 אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער. אין 1897, בעת דער גרינדונג פֿון „בונד“, זײַנען געווען אַרײַנגעצויגן אין דער באַוועגונג נאָך אַ ריי אַנדערע שטעט פֿון ייִדישן תּחום, ווי לאָדזש, גראָדנע, קאָוונע, קרינעק, וויטעבסק, דווינסק, סלאָנים, שאַוול א״אַנד. דער שווערפּונקט פֿון דער אַרבעט ליגט נאָך אַלץ, ווי מיר זעען, אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד. אין דרום זײַנען פֿאַראַן אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער שוין פֿון די יאָרן 1894—1895 אין קיעוו און אָדעס, אָבער דער קאָנטאַקט צווישן זיי און די אָרגאַניזאַציעס אין איבעריקן תּחום איז נאָך זייער אַ לויזער.

די גרינדונג פֿון „בונד“ איז, ווי מיר זעען, געווען די קריינונג פֿון אַן אַרבעט פֿון צענדלינגער יאָרן. דאָ האָבן זיך אין אַ האַרמאָנישן אופֿן פֿאַראייניקט די פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט פֿון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ און דער קאַמף פֿון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט פֿאַר עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פֿאַרבעסערונגען. די אָרגאַנישע פֿאַראייניקונג פֿון די דאָזיקעביידע שטראָמען, וואָס זײַנען אין משך פֿון אַ לאַנגער צײַט געפֿלאָסן באַזונדער, האָט געשאַפֿן יענעם אויסערגעוויינטלעכן כּוח, מיט וועלכן עס האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-באַוועגונג. די מאַסן זײַנען אָבער אַרײַן אין דער ייִדישער באַוועגונג ניט ווי אַ פּאַסיווער עלעמענט, ווי מען שטעלט זיך דאָס אָפֿט פֿאָר, נאָר האָבן מיטגעבראַכט אַ באַדײַטיקן אייגענעם פֿאַרמעגן און האָבן אין זייער אַ שטאַרקער מאָס אַרויפֿגעלייגט זייער שטעמפּל און באַשטימט דעם כאַראַקטער פֿון דער באַוועגונג. דאָס האָט זיך אויסגעווירקט ווייניקער אויפֿן געביט פֿון סאָציאַליסטישער טעאָריע — דאָ האָט נאַטירלעך די אינטעליגענץ דאָמינירט — נאָר אויפֿן געביט פֿון אָרגאַניזאַציע און רעוואָלוציאָנערן לעבן-שטייגער, ווי מיר וועלן עס פּרווון באַווײַזן אין דעם ווײַטערדיקן קאַפּיטל.

## חבֿרות, פֿאַראיינען און קאַסעס

מיר האָבן געהאַלטן פֿאַר ריכטיק צו באַהאַנדלען די געשיכטע פֿון די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס בײַ ייִדן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל, כּדי צו באַקומען אַ גאַנץ בילד פֿון דער אַנטוויקלונג און פֿון די פֿאַרשיידענע פֿאָרמען פֿון אָרגאַניזאַציע בײַ דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט אין דער באַהאַנדלטער תּקופֿה. די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס זײַנען אין אַ געוויסער מאָס געווען די יורשים פֿון די עלטערע ייִדישע חבֿרות פֿון בעלי-מלאָכות, וועלכע האָבן זיך פֿאַרנומען ניט נאָר מיט ענינים פֿון אונטערשטיצונג אין פֿאַל פֿון נויט, קראַנקייט וכּדומה, נאָר האָבן אויך געהאַט די עובֿדא צו שיצן די פּראָפֿעסיאָנעלע אינטערעסן פֿון די מיטגלידער סײַ כּלפּי חוץ — אין די באַציִונגען מיט דער מאַכט אָדער מיט קהל — און סײַ כּלפּי פּנים, אין פֿראַגן פֿון רעגולירן די פּרײַזן, צולאָזן נײַע מיטגלידער אין פֿאַך, האַלטן לערניינגלעך און פּועלים וכּדומה. דער איבערגאַנג פֿון די אַלטע חבֿרות צו די מאָדערנע פֿאָרמען פֿון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס איז ניט אומעטום פֿאָרגעקומען אויף דעם זעלביקן אופֿן און האָט בכלל דורכגעמאַכט פֿאַרשיידענע עטאַפּן. פֿאַר דער ערשטער צײַט לאָזן זיך אונטערשיידן דרײַ גרונדטיפּן פֿון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס:

1) חבֿרות פֿון בעלי-מלאָכות, וואָס האָבן זיך געשפּאָלטן. אָפֿט זײַנען עס געווען די אַרבעטער, וואָס האָבן ניט געקענט מער זיצן צוזאַמען אין איין חבֿרה מיט די בעלי-בתּים און האָבן דערפֿאַר געשאַפֿן אַ חבֿרה פֿאַר זיך, כּמעט תּמיד לויטן מוסטער פֿון די אַלטע חבֿרות, פֿון וועלכע זיי האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן, מיט אַן אייגענעם מנין, אייגענער ספֿר-תּורה אדג"ל. ניט זעלטן זײַנען עס אָבער געווען די בעלי-בתּים, וואָס האָבן געשפּאָלטן די איינהייטלעכע חבֿרה. אין אַ רײַ גרעסערע פּונקטן האָט זיך אַ דאַנק דעם ווירטשאַפֿטלעכן אויפֿשטײַג געבילדעט אַ שיכט פֿון רײַכערע בעלי-בתּים; די דאָזיקע אויפֿגעקומענע מײַסטערס אָדער קליינע פֿאַבריקאַנטלעך האָט שוין מער ניט געפּאַסט צו זיצן אין איינעם מיט די אַרבעטער, און זיי זײַנען אַרויס פֿון די חבֿרות.

2) חבֿרות און פֿאַראיינען פֿון יידישע האַנדלס-אָנגעשטעלטע, וועלכע מיר טרעפֿן באַזונדערס פֿרי אין די גרעסערע שטעט פֿון יידישן תּחום.

3) אונטערשטיצונגס-חבֿרות און קאַסעס פֿון יידישע פֿאַבריק-אַרבעטער, וועלכע זײַנען זייער אָפֿט געשטאַנען אונטער דער השגחה פֿון די פֿאַבריקאַנטן. די דאָזיקע קאַסעס זײַנען אמת לויט זייער צוזאַמענשטעל געווען ריין פּראָלעטאַרישע, האָבן אָבער גאָר זעלטן געטראָגן אַ קלאַסן-כאַראַקטער, מחמת די אמתע דעה-זאָגערס זײַנען דאָ געווען, ווי מיר וועלן עס זען, ניט די אַרבעטער, נאָר די בעלי-בתּים. ערשט אין די נײַנציקער יאָרן בילדן זיך אונטערשטיצונגס-און שטרײַק-קאַסעס, וואָס זײַנען לויט זייער כאַראַקטער און טעטיקייט ריינע קלאַסן- און קאַמף-אָרגאַניזאַציעס.

וועגן די ערשטע אונדז באַקאַנטע פּרוּוון פֿון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין דער טראַדיציאָנעלער פֿאָרם פֿון חבֿרות, אין מינסק און מאָהילעוו, איז שוין געווען גערעדט אין ערשטן קאַפּיטל. פֿאַר מאָהילעוו האָבן מיר נאָך ידיעות וועגן דער גרינדונג פֿון זעלבשטענדיקע אַרבעטער-חבֿרות אויך פֿאַר די נײַנציקער יאָרן.[84] אין 1892 גרינדעט זיך דאָ אַ חבֿרה פֿון טאַבאַק-אַרבעטער. אינטערעסאַנט איז דערבײַ דער פֿאַקט, וואָס פֿרויען זײַנען אין דער חבֿרה ניט צוגעלאָזן געוואָרן. אין 1897 בילדן זיך אַרבעטער-חבֿרות בײַ די סטאָליאַרעס און מולאַרעס. פֿון מאָהילעוו איז אונדז אויך באַקאַנט אַ פֿאַל, ווו די איניציאַטיוו צו אַ שפּאַלטונג איז אַרויס פֿון די בעלי-בתּים; בײַ די מולאַרעס האָבן די מײַסטערס אַרויסגעשטופּט די אַרבעטער פֿון דער חבֿרה.

וועגן זשיטאָמיר געפֿינען מיר אַן אינטערעסאַנטע נאָטיץ אין דער שוין פֿריער ציטירטער אַרבעט פֿון וול. אַקימאָוו:[85] „מײַנער אַ חבֿר — דערציילט דער מחבר — האָט געפֿונען אין זשיטאָמיר אַן אַלטע געהיימע אָרגאַניזאַציע פֿון אַרבעטער, וואָס איר האָט זיך אײַנגעגעבן, אַ דאַנק אַ לאַנג דויערנדיקן עקשנותדיקן קאַמף, באַדײַטיק צו פֿאַרבעסערן זייערע אַרבעטס-תּנאָים. די געשיכטע פֿון די דאָזיקע קאַמפֿן ווערט היילק אָפּגעהיט אין טראַדיציעס בעל-פּה. בעת צו זיי זײַנען געקומען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן, האָט מען זיי פֿײַנדלעך אויפֿגענומען".

די חבֿרות האָבן על-פּי רובֿ זייערע אייגענע בתּי-מדרשים אָדער מנינים, מיט אייגענע ספֿרים. שפּעטער, ווען עס הייבט זיך אָן אויף דער יידישער גאַס די שטרײַק-באַוועגונג, ווערט דער בית-מדרש אָפֿט אויסגענוצט פֿון די אַרבעטער ווי אַ טרעפֿפּונקט, ווו מען קומט זיך צונויף, מען רעדט זיך דורך, נעמט אָן באַשלוסן. פֿון קאָמעני-בראָד, אַ שטעטל אין וואָלין, ווו עס איז געווען אַ גרויסע צאָל יידישע קאַכל-אַרבעטער, מעלדעט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער „אַרבייטער שטיממע", אַז בעתן שטרײַק פֿלעגן די אַרבעטער זיך צונויפֿקלײַבן אין בית-מדרש, „וואָס איז געוואָרן אין דער צײַט פֿון שטרײַק אַן אמתע אַרבעטער-בערזע".[86] אַ חבֿרה מיט אַן אייגענעם בית-מדרש האָבן אויך געהאַט די יידישע

---

[84] זע דאָס ציט' בוך פֿון שרה ראַבינאָוויטש, די אָרגאַניזאַציעס פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד (דײַטש), 1903.

[85] В. Акимов, Материалы для характ. развития РСДРП, Женева 1905, p. 11.

[86] „אַרבייטער שטימע" (אומל' אָרגאַן פֿון „בונד"), נו' 34.

אַרבעטער פֿון דער מעטאַל-פֿאַבריק „צוקערוואַר עט קאָמפּ" אין וואַרשע.[87] אין אַ קאָרעס-פּאָנדענץ אין „הצפירה" פֿון גראָדנע ווערט דערמאָנט צווישן אַ ריי אַנדערע חברות אויך אַ „חברה פועלים לעזור איש את אחיו".[88] עס איז פֿון דעם נאָך ניט זיכער, אַז דאָס זײַנען געווען אויסשליסלעך אַרבעטער, מחמת דער טערמין „פועל" ווערט אין יענער צײַט ניט זעלטן באַנוצט אויך פֿאַר בעלי-מלאָכות, פֿון דעם אַנדער זײַט אָבער מוז מען האָבן אין זינען, אַז די בעלי-מלאָכות זײַנען געווען אָרגאַניזירט לויט פֿאַכן. אין גראָדנע זײַנען גראָד שוין דעמאָלט געווען אַ סך יידישע אַרבעטער, דער עיקר אין דער דאָרטיקער גרויסער טאַבאַק-פֿאַבריק. עס איז דערפֿאַר אָנצונעמען, אַז די חברה „פועלים" איז טאַקע באַשטאַנען פֿון אַרבעטער.

זומער 1897 א״ז אין קרינקי, אַ שטעטל מיט אַ סך לעדער-פֿאַבריקן, פֿאָרגעקומען אַ גרויסער שטרײַק, אין וועלכן עס זײַנען געווען באַטייליקט בײַ 500 גאַרבער-אַרבייטער. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם דאָזיקן שטרײַק, געדרוקט אין „אידישן אַרבייטער" נומ׳ 4 — 5, געפֿינען מיר די ווײַטערדיקע זייער באַלערנדיקע און כאַראַקטעריסטישע נאָטיץ: „נאָר די אַרבעטער האָבן זיך גאָר ניט צוגעהערט, אַזוי האָבן זיך די בע״ב מיישב געווען: אַזוי ווי אין גאַרבאַרסקען בית-המדרש קומען זיי דאָך דאַוונען און דאָרט ריידן זיי געוויס אָפּ וועגן דער סטאַטשקע, אַלזאָ האָט מען בײַ זיי פֿאַרפּע-צאַטעוועט [פֿאַרחתמעט] דעם בית-המדרש. שבת פֿרי זײַנען צוזאַמענגעקומען אַלע גאַרבאַ-רעס אין גרויסן בית-המדרש, דאָרטן ווו די פֿאַבריקאַנטן דאַוונען, און האָבן זיך צעזעצט אויף די בעב״ת שטעט אין מזרח-וואַנט און זיי האָבן אויפֿגעשטעלט זייער שמש אויפֿן בימה און האָבן קיינעם פֿון די בע״ב נישט אַרויפֿגעלאָזן. איינער האָט אויסגעשריען: „מיר זאָל מען אויסרופֿן שישי אויפֿן נאָמען פֿון קינישינסקי". נאָכן דאַוונען האָבן זיי פֿאַרשלאָסן די הויז און האָבן צוגענומען די שליסלען צו זיך און אַזוי ביז מנחה. דאַן האָבן זיי (די בע״ב) געמוזט בעטן פּאָליציי דאָס מען זאָל עפענען דעם בהמ״ד".

אַן ענלעכע געשיכטע ווערט אונדז דערציילט פֿון ביאַליסטאָק.[89] „די לעצטע צײַט האָבן די בעלי-בתים געמאַכט בונדן צווישן זיך, כדי אויסצופֿירן זייערע פּלענער. אַזוינע מיני בונדן זעען מיר דהײַנו בײַ גאַרבאַרעס און שנײַדערס, זעמשערס, טאָקאַרעס אאַז״וו. די בע״ב פֿון די שנײַדערשע וואַרשטאַטן האָבן אויך געמאַכט אַחדות און האָבן אויך געוואָלט אײַנפֿירן אַ 14-שעהדיקן אַרבעטסטאָג און אַחוץ דעם פֿאַרקלענערן די שכירות. זייערע אַסיפֿות פֿלעגן פֿאָרקומען אין אַ מנין, וועלכן זיי האָבן געגרינדעט צוליב דיזן ציל. אַזוי ווי די ספֿרים האָבן געהערט אויך צו די אַרבעטער, זײַנען זיי איין מאָל אַ שבת צו נאַכט געקומען אין מנין. דאָרט האָט איינער פֿון די בע״ב זיך אויסגעדריקט, אַז אים פּאַסט ניט צו דאַוונען צוזאַמען מיט די שלעפּער און האָט איינעם פֿון די אַרבעטער געגעבן אַ פּאַטש. ס׳איז געוואָרן אין זייער „מקום קדוש" אַ געשלעג, ס׳איז געקומען פּאָליציי, 7 אַרבעטער האָט מען אַרעסטירט און 5 פֿון זיי אַרויסגעשיקט אין זייערע געבורטשטעט".

אינטערעסאַנט איז דאָ באַזונדערס דער פֿאַקט, וואָס די שפּאַלטונג אין דער חברה — מחמת עס האַנדלט זיך דאָ גאַנץ קלאָר וועגן אַ חברה, וואָס האָט פֿאַראייניקט סײַ בעלי-בתים, סײַ אַרבעטער, דערפֿאַר געהערן די ספֿרים אויך צו די אַרבעטער — גייט אַרויס ניט פֿון די אַרבעטער, נאָר פֿון די בעלי-בתים, ווען עס איז מער שוין ניט אָנגע-שטאַנען צו דאַוונען אין איין בית-מדרש מיט די „שלעפּער" און וועלכע האָבן אַחוץ דעם איצטער, ווען די באַציִונגען צווישן די מײַסטערס און די אַרבעטער זײַנען געווען

---

87 Сборник материалов об экон. положении евреев в России — אַרויסגעגעבן פֿון „יקא", פּט״ב 1904, ב׳ 2, ז׳ 120.

88 „הצפירה", 1885, נר׳ 23.

89 „אַ־ביי ער שט־ממע" 1899, נר׳ 21.

מער פֿאַרשאַרפֿט, געהאַט אַ אינטערעס זיך אָפּצוטיילן, כּדי צו קענען בעסער זיך צונויפֿריידן. געגנוי דאָס זעלביקע געפֿינען מיר אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון מאָהילעוו: „דער געזעלשאַפֿטלעכער לעבן פֿון אונדזער קהילה האָט זיך אויסגעדריקט ביז איצט בלויז אין פֿאַרצייטיקע רעליגיעזע חבֿרות, ווו די אַרבעטער זײַנען געזעסן צוזאַמען מיט די בעלי-בתּים". אַ דאַנק דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג — שרײַבט ווײַטער דער קאָרעספּאָנדענט — האָבן זיך די וואַרשטאַטן פֿאַרגרעסערט און צוזאַמען דערמיט האָבן זיך אויך געביטן די באַציִונגען צווישן די בעלי-בתּים און אַרבעטער. „דעם בע"ב פּאַסט שוין ניט מער צו זײַן אין איין חבֿרה מיטן אַרבעטער און ביסלעכווײַז גייען די בע"ב אַרויס פֿון די חבֿרות".[90]

ביז גאָר אַ כאַראַקטעריסטיש בילד פֿון דער עוואָלוציע, וואָס די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס האָבן דורכגעמאַכט פֿון דער חבֿרה און דעם בית-מדרש ביז דער מאָדערנער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, גיט אונדז אַ באַריכט וועגן דער געשיכטע פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג בײַ די טליתים-וועבערס אין קאָלאָמיי (גאַליציע). הגם די אַלגעמיינע פֿאַרהעלטענישן פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין רוסלאַנד זײַנען געווען אין אַ סך פּרטים אַנדערש, קען לויט מײַן מיינונג גראָד אין דעם פֿאַל קיין שום ספֿק ניט זײַן, אַז דאָס דאָזיקע בילד איז אין אַ גרויסער מאָס כאַראַקטעריסטיש אויך פֿאַר דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט אין רוסלאַנד.

„די געשיכטע פֿון טלית-וועבער-באַוועגונג אין קאָלאָמעע.[91]

„מיט אַ יאָר פֿופֿצען צוריק, ווען דער צײַטגײַסט האָט געמאַכט זײַנע ערשטע שריטע אין גאַליציען, האָבן מיר טלית-וועבער אָנגעהויבן די אויגן אויסצווישן און האָבן דערזען ווי פֿאַרשקלאַפֿט, ווי פֿאַרזונקען מיר זײַנען.

איינער פֿון אונדז האָט דעמאָלט געמאַכט דעם אָנהייב פֿון אַ באַוועגונג צווישן אונדז מיט דער גרינדונג פֿון אַן אונטערשטיצונגסקאַסע. די קאַסע איז באַשטאַנדען פֿון 90 גולדן באַרעס געלד — אַ אוצר! און דער צוועק איז געווען צו אונטערשטיצן די מיטגלידער אין נויט, בײַ אַ שבֿעה ר"ל, אָדער פֿאַרקערט, ווען איינער מאַכט אַ בר ת. דאַכט זיך, זײַנען מיר אומשולדיג גענוג? אָבער דער גאָטספֿאָרכטיגער בלוטזויגער, דער טלית-פֿאַבריקאַנט ר' שמשון העלער האָט מיט זײַן גאָטספֿאָרכטיגע קאַפּיטאַליסטישע נאָז גלײַך דערשמעקט אין דעם אומשולדיגען אונטערשטיצונגס-פֿאַראיין דאָס לעבן פֿון אחדות צווישן זײַנע אַרבעטער, און דאָס דאַרף אַ קאַפּיטאַליסט ניט דערלאָזן, אויב ער וויל ניט זײַן באַגרענעצט אין זײַן אומזעטליכע בלוטזויפֿערײַ.

הכּלל, ר' שמשון העלער האָט דעם גרינדער פֿון דעם אונטערשטיצונגס-פֿאַראיין אַרויסגעוואָרפֿן און דער פֿאַראיין איז צעבראָכן געוואָרן. די אונטערדריקונג איז געוואָרן שווערער, און דער גײַסט פֿון פֿאַראייניגטן ווידערשטאַנד האָט שוין די אַרבעטער מער ניט געלאָזט רוען.

מיר האָבן געמאַכט די צווייטע פּראָבע מיט נאָך אַ אומשולדיגערע אָרגאַניזאַציאָן. מיר האָבן געגרינדעט אַ אייגענעם מנין. פֿון אונזער אָרימען שטיקל ברויט האָבן מיר אָפּגעשפּאָרט און געלאָזט שרײַבן אַ אייגענע ספֿר-תּורה. אָבער אויך דאָס האָט דער צדיק ר' שמשון בלוטזויגער צעשטערט און אונדזער ספֿר-תּורה מיט קונצן און דריידלעך געקריגן אין זײַן האַנט און אַרײַנגעשטעלט אין זײַן שול! איין אַרבעטער האָט געהאַט די חוצפּה צו פֿרעגן דעם שיינעם ייִד: סטאַטש, ר' שמשון, גאָט איז מיט אײַך, ווי

---

90 דאַרטן, 1902, נו' 26.

91 מיר ציט' לויט דעם לעמבערגער „ייִדישן פֿאָלקסבלאַט" 1899, נו' 3. תּחילת איז דער באַריכט געווען אָפּגעדרוקט אין דער ניו-יאָרקער „אַרבייטער-צײַטונג" אין שײַכות מיט אַן אויפֿרוף צו אונטערשטיצן די שטרײַקנדיקע טלית-וועבערס. [פֿג"ל אויך די אַרטיקלען פֿון ד"ר י. בראָס און ש. בלום וועגן דער באַוועגונג אין גאַליציע ווײַטער אין דעם באַנד. — רעד.].

מאַכט איר דאָס אַ [תל] פון אַ מקום-קדוש? האָט ער געקריגן די אַנטוואָרט: „דו שייגעץ, מער קריגסט דו בײַ מיר קיין אַרבעט ניט".

אונדזער לאַגע איז געווען שוידערלעך, הילפלאָז! ענדלעך איז געקומען אַהער דער געטרײַער און טיכטיקער סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר גענ' צ.[92] און אין יאָר 1892 זײַנען מיר אַרויס צום ערשטן מאָל אין דער וועלטגעשיכטע מיט אַ שטרײַק. אַ שטרײַק פון טלית-וועבער! אַ שטרײַק פון יידישע אַרבעטער, פון אַ ייִדישער הייליקער זאַך קעגן יידישע קאַפּיטאַליסטן! דער ערשטער עכט יידישער קלאַסנקאַמף!

ליידער דורך פאַרראַט פון די חסידים צווישן אונדז האָבן מיר דעמאָלט נאָך 14 וואָכן שווערן קאַמף דעם שטרײַק פאַרלאָרן.

דער פונק קלאַסנקאַמף איז בײַ אונדז אָבער שוין ניט פאַרלאָשן געוואָרן. ער האָט געברענט און פון צײַט צו צײַט אַרויסגעפלאַקערט אויף פאַרשיידענע אָרטן ביז אין יאָר 1897, ווען גענ' זעליג הילזענראַט איז צוריקגעקומען פון דער גרויסער וועלט און מיטגעבראַכט מיט זיך די געדאַנקען און מעטאָדן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג פון דער וועלט און האָט געגרינדעט דעם פאַך-פאַראיין פון די טלית-וועבער. פון דעמאָלט אָן הערט ניט אויף דער פאַרביסענער קאַמף פון אונדזער בלוט-זויגער אונדזער פאַראיין צו צעשטערן. פיר מאָל האָט ער געוואַגט אַ קאַמף קעגן אונדז און האָט גאָר ניט אויסגעפירט. ענדלעך דעם זומער האָט ער אָנגעהויבן אַ נײַעם קאַמף—אונדז אַרויסצוּוואַרפן אײנציקווײַז. אָבער באַלד ווי ער האָט אָפּגעשאַפט דעם צווייטן אַרבעטער, זײַנען מיר אַלע ווי איינער אַרויס אין שטרײַק מיט דעם באַשלוס ניט צוריקצוגיין, ביז ער וועט אַלע צוריקנעמען.

פון דעמאָלט אָן געדויערט נאָך דער העלדישער קאַמף!

מיט סאָציאַליסטישן גרוס

דאָס שטרײַק-קאָמיטע".

דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ לעבעדיק בילד פון די עטאַפּן, וואָס די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג האָט אין אַ סך ערטער דורכגעמאַכט פון דער חברה און דעם חברהשן בית-מדרש ביז דעם מאָדערנעם פראָפעסיאָנעלן פאַראיין. באַזונדערס אין יענע צווײַגן, וווּ די מלאָכה האָט דורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע אין דער ריכטונג פון קליין-אינדוסטריע און וווּ די מײַסטערס האָבן זיך ביסלעכווײַז פאַרוואַנדלט אין קליינע פאַבריקאַנטלעך און טיילווײַז אַפילו אין גרעסערע אונטערנעמער, ווי דאָס איז געווען, למשל, בײַ די וועבערס, גאַרבערס, בערשטערס א"אַנד, האָבן די אַלטע בעל-מלאָכהשע אָרגאַניזאַציעס און אינסטי-טוציעס זיך ממילא פאַרוואַנדלט אין ריכטיקע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

אַ ריין פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער לויט דעם פּערזענלעכן צוזאַמענשטעל פון די מיטגלידער האָבן געטראָגן די קאַסעס פון די פאַבריק-אַרבעטער, וועלכע מיר געפינען שוין אין די זיבעציקער יאָרן און וואָס זײַנען מן-הסתם נאָך עלטער. אין ווילנע זײַנען געווען אַזעלכע קאַסעס אין די טאַבאַק-פאַבריקן, וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע אונטערצו-שטיצן די אַרבעטער אין פאַל פון אַ קראַנקייט אָדער נויט. אָבער די בעלי-דעה איבער די דאָזיקע קאַסעס זײַנען דאָ געווען די פאַבריקאַנטן. בעתן שטרײַק אין 1875, ווען וועלכן עס איז שוין פריער געווען גערעדט, האָבן די אַרבעטער אויך אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז די פאַרוואַלטונג פון דער קאַסע זאָל איבערגיין אין די הענט פון די אַרבעטער.

אָנהייב אַכציקער יאָרן האָט זיך געגרינדעט אַ קראַנקן-קאַסע פון די אַרבעטער אויף דער שוועבעלעך-פאַבריק פון זאַקס אין דווינסק.[93] די זעלביקע קאַסע האָט אויך

---

92 מיט גענ' צ. איז געמיינט דער דעמאָלט באַקאַנטער יידישער סאָציאַליסטישער טוער אין גאַליציע ס. צעטערבוים.

93 „האסכאד" (העכנסל' כראָניק), 1884, נר' 17.

עקסיסטירט נאָך אַ סך יאָרן שפּעטער. אין „אַרבייטער שטיממע" געפינען מיר וועגן איר אַזאַ באַריכט: „דערפאַר איז ביי אונדז פאַראַן אויפן פאַבריק אַ חברה „ביקור-חולים". יעדער אַרבעטער צאָלט פון 3 ביז 5 קאָפּ' פון רובל [אין 1884 האָט דער אָפּצאָל באַטראָפן 1 קאָפּ' פאַר חתונה געהאַטע און 2 קאָפּ' פאַר בחורים] און דערפאַר, בשעת ער איז קראַנק, דאַרף מען אים אַרויסגעבן 30 פּראָצענט פון זיינע פאַרדינסטן און אויך אַ דאָקטאָר מיט רעצעפּטן. נאָר אַזוי ווי די פּריקאַזטשיקעס זיינען אויך געווען אין דער חברה, פלעגן די אַרבעטער כמעט קיין מאָל ניט וויסן פון קיין רעכענונג און זעלטן ווען איינער פלעגט באַקומען די 30 פּראָצענט".[94] אין דער זעלביקער פאַבריק איז אויך געווען אַ בית-מדרש; צי פלעגן דאָרטן דאַוונען בלויז די אַרבעטער, אָדער אַהין פלעגט אויך קומען דער פאַבריקאַנט, איז ניט געזאָגט. זייער כאַראַקטעריסטיש איז די ווייטער באַשריבענע סצענע, וועלכע אילוסטרירט די פּאַטריאַרכאַלישע פאַרהעלטענישן אויף דער דאָזיקער פאַבריק: „ווען שלמה זאַקס [דער פאַבריקאַנט] האָט אַמאָל איינגעגעבן אַ ספר-תורה, האָבן זיינע אַרבעטער אויסגעשפּאַנט די פערד פון זיין קאַרעטע און אַריינגעפירט אים אויף זיך אין פאַבריקסהויף שרייענדיק „יחי המלך שלמה". דער קאָרעספּאָדענט דערציילט ווייטער וועגן דעם שטרייק, וואָס האָט דעמאָלט, אין 1900, אויסגעבראָכן אויף דער פאַבריק: „עס האָט זיי ניט אָפּגעשראָקן אַפילו די שבועה, מיט וועלכע דער אופּראַוולייאיעשטשע [פאַרוואַלטער] אליהו שטאַרק האָט באַשוואָרן די אַרבעטער אין קלויז (וואָס אין פאַבריקסהויף), אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, מיט אַ ספר-תורה אין האַנט; „עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ פייער ביי אונדז אויפן פאַבריק,—האָט ער אָנגעהויבן,—פון זאַקסן לעבן העכער טויזנט געזינדן. ווער עס וויים, פון וואַנעט דער פייער שטאַמט, און זאָגט ניט אויס, אויף דעם זאָל פאַלן די תוכחה, ווייל דאָס איז אַ שאַנד פאַרן כלל-ישראל, אַז יידן זאָלן זיך בונטעווען".[95]

אויך פון זשיטאָמיר ווערט אונדז געמאָלדן, אָנהייב אַכציקער יאָרן, וועגן אַ קאַסע, וואָס אַ יידישער פאַבריקאַנט האָט אָרגאַניזירט פאַר זיינע אַרבעטער אויפן פאַל פון אַ נויט; דער פאַבריקאַנט גיט אויך פון צייט צו צייט צושטייער פאַר דער קאַסע.[96] פון אָנהייב 1883 האָבן מיר אַ ווייטערדיקע, זייער אינטערעסאַנטע נאָטיץ פון ביאַליסטאָק: „די יידישע וועבערס, אַרום 600 מאַן, האָבן געגרינדעט אַ קאַסע פאַר קעגנזייטיקער הילף און האָבן באַשלאָסן, אַז יעדער מיטגליד זאָל אַריינטראָגן אַן איינמאָליקן צושטייער פון 1 רובל און דערנאָך צאָלן אַ וועכנטלעכן אָפּצאָל פון 4 קאָפּ'. אין פאַל פון אַ קראַנקייט גיט די קאַסע אַרויס די מיטגלידער דריי רובל אַ וואָך".[97]

פיל וויכטיקער איז אַ ידיעה, וועלכע מיר האָבן אויך פון ביאַליסטאָק, וועגן אַ קאַסע, וואָס עס האָבן בדעה געהאַט צו גרינדן די טאַבאַק-אַרבעטער (1882). אין אַ קאָרעספּאָדענץ, וויז עס ווערט דערציילט וועגן אַ שטרייק פון די וועבערס אין דער פאַבריק פון סוראַזשסקי, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש צייט, ווערט אַגב אורחא דערציילט: „אַגב מוז איך נאָך דערמאָנען, אַז די יידישע אַרבעטער אויף איינער פון די היגע טאַבאַק-פאַבריקן האָבן באַשלאָסן, כדי צו זיכערן זיך אין אַזאַ פאַל [ד"ה אין פאַל פון אַ שטרייק], צו שאַפן אַן אַלגעמיינע אונטערשטיצונגס-קאַסע, וועגן דעם פּראָיעקטירטן סטאַטוט וועל איך נאָך אין גיכן מיטטיילן באַזונדער".[98] ליידער זיינען אין די ווייטערדיקע נומערן וועגן דעם ענין קיין שום ידיעות מער ניטאָ. צי איז אַזאַ קאַסע טאַקע געשאַפן געוואָרן, אָדער עס איז בלויז געבליבן ביי פּלענער, איז ניט באַקאַנט. בכל אופן איז

94 „אַרבייטער שטיממע", 1900, נר' 16.

95 דאָרטן.

96 Русский Еврей 1884, № 13.

97 „וואָסכאָד" (כראָניק) 1883, נר' 9.

98 „וואָסכאָד" (כראָניק) 1882, נר' 49.

עס דער ערשטער אונדז באקאנטער פרווו פון א קאסע, וואס האט זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע די אונטערשטיצונג אויך אין פאל פון א שטרייק. דאס איז בכן דער ערשטער פרווו פון א שטרייק- אדער שטרייט-קאסע, ווי דאס האט דעמאלט געהייסן.

די ערשטע יידישע ארבעטער-קאסעס אין ווילנע זיינען, ווי מיר האבן שוין געזען, געגרינדעט געווארן סוף אכציקער יארן. אייניקע האבן עקסיסטירט ניט קיין לאנגע צייט, אדער זיינען זיך צעפאלן און ערשט שפעטער אויפגעבויט געווארן פון דאס ניי; אנדערע האבן זיך געהאלטן א גאנץ לאנגע צייט. די קאסע פון די ווילנער שניידערקעס האט אין 1899 געפייערט איר צען-יאריקן יובל. אין „ארבייטער שטיממע" געפינען מיר וועגן דעם די וויטערדיקע נאטיץ: „דעם 3טן אפריל האבן די היגע יידישע שניידערקעס געפייערט א 10-יאריקן יובילייי פון זייער קאסע. ביי אונדז אין שטאט (און אפשר אויך אין גאנץ רוסלאנד) איז דאס די ערשטע אומלעגאלע קאסע, וואס לעבט אן אויפהער שוין 10 יאר. פאר די צען יאר האט די קאסע איבער-געלעבט פארשיידענע צייטן, דורכגעגאנגען פארשיידענע פאזן פון אנטוויקלונג... די שניידערקעס-קאסע האט שטענדיק ארויסגעשטעלט א סך אנטוויקלטע ארבעטערקעס, וועלכע האבן געבראכט גרויסע נוצן דער ארבעטער-באוועגונג אין כלל".[99] אין אן אנדער נומער געפינען מיר נאך א נאטיץ וועגן א יובילייי פון א קאסע אין ווילנע: „די הענטשקע-מאכערס האבן געפייערט דעם 10-יאריקן יובילייי פון זייער ארגאניזאציע, זייער ארגאניזאציע איז די עלטסטע אין ווילנע".[100] נאטירלעך איז דא געמיינט — פון די ארגאניזאציעס, וואס האבן נאך עקסיסטירט אין יענער צייט. בכל אופן איז אן עקסיסטענץ פון צען יאר פאר יענע פארהעלטענישן געווען א געוואלדיקער רעקארד.

אנהייב נייַנציקער יארן האט זיך געגרינדעט די ערשטע קאסע פון יידישע ארבעטערינס אין ווארשע, וואס האט געציילט בערך 60 מיטגלידער, זי האט אבער ניט געהאט קיין לאנגן קיום. אין מינסק זיינען די ערשטע קאסעס געגרינדעט געווארן אין די יארן 1892—93. אין די יארן 1894—95 גרינדן זיך קאסעס נאך אין א גאנצע ריי שטעט פון יידישן תחום.

א קאפיטל פאר זיך בילדן די פאראיינען פון יידישע האנדלס-אנגעשטעלטע, וועלכע מיר באגעגענען שוין לפי-ערך גאר פרי אין א ריי שטעט פון יידישן תחום. אין ווארשע האט זיך נאך אנהייב די 50ער יארן פון פאריקן יארהונדערט געגרינדעט א פאראיין פון יידישע האנדלס-אנגעשטעלטע, וועלכער עקסיסטירט נאך ביז דער לעצטער צייט, דאס מיינט איבער 80 יאר! אנהייב די 60ער יארן איז געשאפן געווארן דער פאראיין פון יידישע אנגעשטעלטע אין אדעס. אין „המליץ" געפינען מיר א נאטיץ פון וויטעבסק וועגן דער לעגאליזאציע פון א פאראיין פון אנגעשטעלטע (אגודת המשרתים).[101] וויטער ווערן אין דער פעריאדישער פרעסע פון די אכציקער יארן דערמאנט ארגאני-זאציעס פון יידישע אנגעשטעלטע אין לאדזש,[102] קעשענעוו און קאוונע.[103] עס ווערט אויך מיטגעטיילט וועגן א פאראיין פון האנדלס-אנגעשטעלטע אין ביאליסטאק — ניט קיין לעגאליזירטן, וואס איז זיך פונאנדערגעפאלן; איצט, שרייבט דער קארעספאנדענט, וויל מען פרווון קריגן א דערלויבניש אויף א נייעם פאראיין.[104] אחוץ דעם זיינען נאך אין דער צווייטער העלפט אכציקער יארן געווען פאראיינען אין דווינסק, בארדיטשעוו, ווילנע, מינסק א"אנד. מיר ברענגען דא וויטער אייניקע באריכטן פון דער פרעסע, וואס כאראקטעריזירן די טעטיקייט פון די דאזיקע פאראיינען אין יענער צייט.

---

99 „ארבייטער שטיממע" 1899, נו' 14.

100 דארטן, 1902, נו' 30.

101 „המליץ" 1887, נו' 32.

102 „הצפירה" 1887, נו' 115.

103 „המליץ" 1886, נו' 133.

104 „הצפירה" 1886, נו' 77.

אין „המליץ״ לייענען מיר וועגן דעם פֿאַראיין פֿון די אָנגעשטעלטע אין דווינסק, וועלכער איז געוואָרן לעגאַליזירט און האָט באַדײַטיק פֿאַרבעסערט די לאַגע פֿון די אָנגעשטעלטע: „פֿון דעם טאָג אָן, וואָס זיי האָבן זיך פֿאַראייניקט און זײַנען געוואָרן איין חבֿרה (אַגודה אַחת), האָט די זון אויף זיי אַ שײַן געטאָן און זייער מצבֿ האָט זיך פֿאַרבעסערט. די בעלי-בתּים האָבן באַמערקט דעם גרויסן כּוח פֿון אַחדות און האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דער פּחד פֿאַר ווערן אָפּגעזאָגט (אימת היציאה) איז שוין איצט ניט אַזוי גרויס. ניט אַזוי גרינג וועט זיך געפֿינען אַן אַנדערער, וואָס זאָל מסיג גבֿול זײַן, און ניט אַזוי גיך וועט דער אָפּגעזאָגטער קומען פֿאַלן צו די פֿיס פֿאַר זיי. זינט יענער צײַט האָבן די בעלי-בתּים געביטן זייער באַציִונג״. ווײַטער דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט, אַז דער פֿאַראיין האָט מיט דער אונטערשטיצונג פֿון שטאָט-„גאָלאָוואַ״ (שטאָט-פּרעזידענט) געפּועלט בײַ דער מאַכט, אַז די געשעפֿטן זאָלן ווערן געשלאָסן אין דער וואָכן ניט שפּעטער ווי 11 בײַנאַכט, און זונטאָג און יום-טובֿ—ניט שפּעטער ווי 9 אין אָוונט.[105] מיר זעען דאָ, אַז די פֿאַראיינען פֿון די אָנגעשטעלטע האָבן געהאַט ניט נאָר די אויפֿגאַבע פֿון קעגנזײַטיקער אונטערשטיצונג, נאָר האָבן זיך אויך פֿאַרנומען מיט שיצן די אינטערעסן פֿון די אָנגעשטעלטע קעגן די בעלי-בתּים. דאָס באַשטעטיקן אויך די ווײַטער געבראַכטע באַריכטן.

אין „הצפֿירה״ געפֿינען מיר ווײַטערדיקע מיטטיילונג פֿון ווילנע: „אין אונדזער שטאָט איז אויך פֿאַראַן אַ חבֿרה פֿון האַנדלס-אַנגעשטעלטע. זינט דער מצבֿ אין מסחר האָט זיך פֿאַרערגערט און די פֿאַרדינסטן פֿון די אָנגעשטעלטע האָבן גענומען פֿאַלן... האָבן זיי זיך אַלע פֿאַראייניקט און האָבן געגרינדעט אַ פֿאַראיין פֿון האַנדלס-אָנגעשטעלטע, וואָס זײַן ציל איז צו אונטערשטיצן יענע חבֿרים, וואָס פֿאַרלירן די אַרבעט, אָדער אויסהעלפֿן יענע, וואָס באַקומען אַזאַ קליינעם געהאַלט, וואָס קלעקט ניט אויף אויסצו-האַלטן די פֿאַמיליע, אָדער ווען איינער האָט איבערגעלאָזט אַן אַלמנה און קינדער אָן מיטלען״.[106] אין אַן אַנדער נוסח פֿון דער אייגענער צײַטונג—וועגן פּינסק: „מיט אייניקע וואָכן צוריק האָט זיך דאָ געגרינדעט אַ חבֿרה פֿון האַנדלס-אָנגעשטעלטע און בוכהאַלטערס, וואָס איר אויפֿגאַבע איז צו קומען צו הילף יעדן חבֿר, ווען דער בעל-הבית זאָגט אים אָפּ פֿון דער אַרבעט, ער זאָל האָבן פֿון וואָס אויסצוקומען, און אויך זאָרגן דערפֿאַר, ער זאָל געפֿינען אַן אַנדער שטעלע, און אויב חו״ח [חס וחלילה] איינער פֿון די חבֿרים שטאַרבט, דאַרף די חבֿרה זוכן עפּעס אַ מקור פֿון פּרנסה פֿאַר דער אַלמנה און די יתומים. די צאָל חבֿרים איז איצט שוין איבער 120 און זיי האָבן שוין צווישן זיך צונויפֿגעקליבן ביז צוויי הונדערט רובל״.[107]

מיר האָבן געזען, ווי ענג די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס פֿון ייִדישן פּראָלע-טאַריאַט זײַנען פֿאַרבונדן מיט די אַלטע טראַדיציאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פֿון די ייִדישע בעלי-מלאָכות. דער אײַנפֿלוס פֿון דעם ייִדישן עבֿר לאָזט זיך אויך שפּירן אויף אַנדערע געביטן. די ייִדישע אַרבעטער-מאַסע איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף דירעקט פֿון אַלטן טראַדיציאָנעלן לעבן-שטייגער, אָן וועלכן ניט איז איבערגאַנג. צוזאַמען מיט די דאָזיקע מאַסן האָט זיך געמוזט אַרײַנגיסן אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אַ שטראָם פֿון פֿאָלקסטימלעכע טראַדיציעס, פֿון רעליגיעזע לעבנספֿאָרמען, וואָס האָבן איבערגעלאָזט גאָר טיפֿע שפּורן אין אונדזער הײַנטיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אייניקע בײַשפּילן וועלן אונדז אילוסטרירן די טיפֿע ווירקונג פֿון דער מאַסע און איר טראַדיציעס אויף דער אויסבילדונג פֿון רעוואָלוציאָנערער קולטור און לעבנסטיל.

גאָר אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פֿון דער סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערער קולטור איז דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד, וואָס האָט פֿאַרנומען אין מאַסן-לעבן אַפֿשר ניט

105 „המליץ״ 1889, נו׳ 144.

106 „הצפֿירה״ 1890, נו׳ 161.

107 דאָרטן, 1890, נו׳ 119.

קיין קלענערן אָרט, ווי די טעאָרעטישע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. דער מחבר פֿון סאָציאַליסטישן ליד איז לויט זײַן דערציִונג על-פּי רובֿ געשטאַנען נעענטער צום פֿאָלק און צו דער פֿאָלקסקולטור. אָפֿט האָט דער דיכטער אַפֿילו בלא יודעים געשעפּט פֿון דער טראַדיציע, אַרײַנגענומען מאָטיוון פֿון פֿאָלקסלעבן. די בעסטע אילוסטראַציע פֿאַר דער ריכטיקייט פֿון דעם דאָזיקן געדאַנק גיט אונדז די געשיכטע פֿון דעם בונדישן הימן—„די שבֿועה".

די „שבֿועה" האָט געהאַט איר באַזונדערן מזל. די אַזוי גערופֿענע „ערשטע שבֿועה" איז געזונגען געוואָרן אין די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-קרײַזן שוין אין די יאָרן 1896—1897. איר מחבר איז אומבאַקאַנט. שפּעטער, אָנהייב 1902, ווען עס איז געפּײַערט געוואָרן דאָס דערשײַנען פֿון 25סטן נומער פֿון דער אומלעגאַלער „אַרבייטער שטיממע", האָט ש. אַנ-סקי געשאַפֿן דעם נײַעם נוסח פֿון דער „שבֿועה", וועלכער האָט אין גאָר אַ קורצער צײַט אַרויסגעשטופּט די אַלטע „שבֿועה".

אויך דאָ שטויסן מיר זיך אָן אויף דער חבֿרה, ווען מיר זוכן דעם אייגנטלעכן מקור פֿון דער „שבֿועה", און באַזונדערס—די סיבה פֿון איר געוואַלדיקער באַליבטקייט בײַ די יידישע אַרבעטער. אין יידישן לעבן, ווי עס האָבן געפֿעלט די מאַכטמיטלען פֿון אַ מלוכה-אַפּאַראַט, האָט די שבֿועה, דער איסור, דער חרם פֿאַרנומען גאָר אַ באַזונדערן פּלאַץ. אין דער געשיכטע פֿון די יידישע חבֿרות טרעפֿן מיר ניט זעלטן דעם פֿאַל, ווען די חבֿרה פֿאַרזאַמלט זיך אין בית-מדרש און אַלע חבֿרים שווערן בײַ אַ ספֿר-תּורה אָפּצוהיטן די אָנגענומענע תּקנות, שטיין אַלע צוזאַמען פֿאַר די פֿאָדערונגען פֿון צעך וכדומה (אויך אין לעבן פֿון די קריסטלעכע האַנטווערקער-צעכן האָט די שבֿועה פֿאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ). די שבֿועה איז גלײַכצײַטיק די גאַראַנטיע און סימבאָל פֿון אחדות, פֿאַרברידערונג און דיסציפּלין. און ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג פֿאַרנעמט שוין גלײַך פֿון אָנהייב אָן די שבֿועה איר געהעריקן פּלאַץ. אייניקע נאָטיצן פֿון דער דעמאָלטיקער ליטעראַטור אילוסטרירן מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט די ריכטיקייט פֿון דער דאָזיקער השערה. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון שעדלעץ געפֿינען מיר די ווײַטערדיקע ידיעה:[108] „די בעלי-בתּים, וועלכע זײַנען געווען ביז דעמאָלט צעריסן צווישן זיך, זעענדיק די מאַכט פֿון אונדזער אַחדות, האָבן זיך אויך צונויפֿגענומען צוזאַמען און שלום געשלאָסן, און אויסטרינקענדיק אַ היפּש ביסל „מאָנאָפּאָל", האָבן זיי געמאַכט אַחדות און געבנדיק זיך די הענט האָבן זיי באַשלאָסן, אַז באַלד נאָך סוכּות זאָלן זיי אונדז נייטן צום אַלטן אָרדענונג".

די צערעמאָניע פֿון „זיך געבן די הענט" באַטײַט בלי ספֿק אַ שבֿועה (תּקיעת כּף). מיר געפֿינען דעם דאָזיקן אויסדרוק אין דעם זעלביקן זינען אין דער ערשטער „שבֿועה". אַן ענלעכע געשיכטע ווערט דערציילט פֿון ווילקאָמיר: „די בעלי-בתּים האָבן געשוואָרן ניט נאָכצוגעבן, נאָר די אַרבעטער זײַנען געשטאַנען פֿעסט און זיי האָבן געמוזט ברעכן זייער שבֿועה".[109]

ניט אין אַן ערך וויכטיקער איז געווען די ראָלע פֿון דער שבֿועה אין דער דעמאָלטיקער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-וועלט. פֿאַר די בעלי-בתּים איז עס געווען ניט מער ווי אַ קאַמף פֿון אינטערעסן, אַ געשעפֿטלעכער ענין; פֿאַר די אַרבעטער אָבער איז דערמיט געווען פֿאַרבונדן אַ גוואַלדיקע סאָציאַלע און מאָראַלישע רעוואָלוציע. דער קאַמף פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַרבעסערונגען איז געפֿירט געוואָרן אין נאָמען פֿון די אידעאַלן פֿון פֿרײַהייט און פֿאַרברידערונג, און ווען דער אַרבעטער האָט געשוואָרן, האָט געזונגען די „שבֿועה", האָט ער געהאַט דאָס געפֿיל, ווי פֿאַר אים הייבט זיך אָן אַ נײַ לעבן, ווי ער וואָלט אָנגענומען אַ נײַעם גלויבן. אין אַ רעוואָלוציאָנערער דראַמע, וואָס איז אויפֿ-

---

108 „אַרבייטער שטיממע" 1902, נר' 30.

109 דאָרטן, 1901, נר' 21.

געפּירט געוואָרן אויף אַן אַרבעטער־יום־טובֿ אין ווילנע, אין יאָר 1896, ווערט געגעבן אַ סצענע פֿון אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון שטרײַקנדיקע אַרבעטער, וואָס פֿאַרענדיקט זיך מיט אַ פֿײַערלעכער שבֿועה פֿון אַלע אַרבעטער זיך ניט אונטערצוגעבן און קעמפֿן ביז צום נצחון.[110] די דאָזיקע סצענע איז בלי ספק גענומען פֿון לעבן און שפּיגלט אָפּ די דעמאָלטיקע ווירקלעכקייט. דאָס איז קלאָר צו זען פֿון די ווײַטער ציטירטע שטרײַק־באַריכטן אין דער דעמאָלטיקער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע. אין פּוילישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן „נאַפּשוד" לייענען מיר אין אַ באַריכט וועגן דעם שוין פֿריער דערמאָנטן שטרײַק פֿון די טליתים־וועבערס אין קאָלאָמיי אין יאָר 1892:

„דעם 24סטן יולי האָבן זיך 200 שטרײַקער פֿאַרזאַמלט בײַם רבֿ. דער חבֿר צעטער־בוים האָט אין אַ שעהדיקער רעדע געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פֿון די פֿאַרזאַמלטע... די ציטערדיקע און אויסגעדאַרטע זקנים האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. זיי האָבן צוגעגעבן, אַז זיי וועלן שלאָגן די יעניקע, וואָס וועלן ניט שטרײַקן, ווען זיי זאָלן אַפֿילו וויסן צו באַקומען דערפֿאַר לאַנגע יאָרן טורמע. כּדי זיך צו פֿאַרזיכערן, אַז די אַרבעטער פֿון די קלענערע פֿאַבריקן זאָלן נישט גיין צו דער אַרבעט אַזוי לאַנג, ווי מ'וועט נישט דערפֿילן אַלע פֿאָדערונגען, האָט די פֿאַרזאַמלונג פֿאַרלאַנגט אַ שבֿועה בײַ אַ ספֿר־תּורה. דערנאָך האָט מען אויסגעוויילט אַ קאָמיטעט אויף דורכצופֿירן דעם באַשלוס פֿון די פֿאַרזאַמלטע".[111]

ניט ווייניקער אינטערעסאַנט איז אין דעם פּרט דער באַריכט, וואָס מיר האָבן שוין פֿריער ציטירט, וועגן דעם שטרײַק פֿון די גאַרבערס אין קרינעק, אין יאָר 1897. דאָרט ווערט דערציילט וועגן אַ שטרײַק־פֿאַרזאַמלונג פֿון 300 אַרבעטער אויסער דער שטאָט: „די פּאָגאָדע [וועטער] איז געווען ניט קיין שיינע. עס האָט אָנגעהויבן צו גיין אַ רעגן, און זיי זײַנען אַלע געשטאַנען אין רעגן העכער 2 שעה. מען האָט זיך געשוואָרן בײַ אַ פּאָר תּפֿילין יעדערער, דאָס מען זאָל שטיין שטײַף און היטן אַלעס, וואָס מען האָט אָפּגעמאַכט, און מען האָט געזונגען די „שבֿועה". אייניקע האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און האָבן געוויינט—פֿאַר פֿרייד אָדער פֿאַר צער, דאָס ווייס איך ניט: עפּעס איז ניט קיין גרינגע זאַך פֿאַר אַזוינע אונטערדריקטע אַ סטאַטשקע".[112]

די שבֿועה, ווי אַ רעליגיעז־סאָציאַלער אַקט, ווערט דאָ פֿאַרבונדן, ווי מיר זעען, מיטן געזאַנג פֿון דער „שבֿועה". דאָ האָבן מיר אַן אַבסאָלוט זיכערע ראיה פֿאַרן שלשלת־היחוס פֿון דער בונדישער „שבֿועה".

טיפֿע שפּורן פֿון פֿאָלקסטימלעכע טראַדיציעס געפֿינען מיר אויף אַ צווייטן וויכטיקן געביט פֿון סאָציאַליסטישן לעבן־שטייגער — אין דעם אופֿן, ווי די ייִדישע אַרבעטער האָבן געפֿײַערט זייערע רעוואָלוציאָנערע ימים־טובֿים.

ימים־טובֿים האָבן אין ייִדישן לעבן תּמיד פֿאַרנומען אַ צענטראַלן פּלאַץ. אַחוץ די שטענדיקע ימים־טובֿים, האָט מען נאָך אויסגענוצט פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן סײַ פֿון פֿאַמיליע־לעבן, סײַ פֿון חבֿרהשן לעבן צו פּראַווען שמחות. די חבֿרות פֿון בעלי־מלאָכות זײַנען אין דעם פּרט ניט געווען קיין אויסנאַם. על־פּי רובֿ פּלעגט מען אָרגאַניזירן אַזעלכע שמחות בײַ די יערלעכע פֿאַרזאַמלונגען, בעת די וואַלן פֿון די בוררים, וואָס פּלעגן פֿאָרקומען בדרך כּלל חול־המועד פּסח אָדער חול־המועד סוכּות (חול־המועד פּלעגן די בעלי־מלאָכות געוויינטלעך ניט אַרבעטן). די ערשטע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פֿון די ייִדישע אַרבעטער, די „קאַסעס", וואָס זײַנען בכלל נאָך געווען שטאַרק פֿאַרבונדן מיט די אַלטע חבֿרות, האָבן אויך איבערגענומען דעם אַלטן מנהג צו פּראַווען אַזעלכע

---

110 זע דעם באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין לאָנדאָן פֿון 1896 (אַרכיוו פֿון „בונד").

111 ציטירט לויטן אָרט' פֿון י. בראָס אין „רויטן פּנקס" (וואַרשע), ב' 2, ז' 27; [פֿאַר"ל אויך זײַן אַרטיקל אין אונדזער באַנד, ווײַטער.—רעד.].

112 „אידישער אַרבײַטער" (אויסל' אָרגאַן פֿון „בונד"), נו' 4—5.

שמחות אין דעם גרינדונגס-טאָג פֿון דער קאַסע. אויף די דאָזיקע פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגט אָפּגעגעבן ווערן אַ באַריכט פֿון דער טעטיקייט אין משך פֿון יאָר, דערנאָך פֿלעגן פֿאָרקומען די וואַלן און פֿאַרענדיקן פֿלעגט מען געווײנטלעך מיט אַ סעודה און געזאַנג. אַפֿילו דער מנהג צו אָרגאַניזירן די דאָזיקע פֿאַרזאַמלונגען חול-המועד האָבן די ערשטע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס איבערגענומען פֿון דער חבֿרה. אַזוי, למשל, פֿלעגן די צוזאַמענפֿאָרן פֿון די בערשטער, די ערשטע צענטראַלע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פֿון די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד, געווײנטלעך פֿאָרקומען צוויי מאָל אין יאָר, חול-המועד פּסח און סוכּות. דאָ האָט אַחוץ דעם נאָך געווירקט דער מאָמענט, וואָס די בערשטער פֿלעגן אָננעמען די אַרבעט אויפֿן „זמן" (דאָס איז אַגבֿ אויך געווען אָנגענומען אין אַנדערע פֿאַכן).

דער מנהג צו פּראַווען דעם גרינדונגסטאָג פֿון דער אָרגאַניזאַציע—איבערגענומען, ווי שוין דערמאָנט, פֿון די אַלטע חבֿרות—האָט שפּעטער אויך געקראָגן בירגערעכט אין בונדישן פּאַרטיי-לעבן. יערלעך ווערט מיט גרויס פֿייערלעכקייט געפּראַוועט דער יום-טובֿ פֿון דער גרינדונג פֿון „בונד". עס איז דערבײַ וויכטיק צו באַמערקן, אַז אין די אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען איז דער דאָזיקער מנהג ניט געווען באַקאַנט. דער דורכשניטלעכער מיטגליד פֿון דער דײַטשער, רוסישער אָדער אַנדערער סאָציאַ-ליסטישער פּאַרטיי האָט איבערהויפּט ניט געהאַט קיין פֿאָרשטעלונג וועגן דער גרינדונגס-דאַטע פֿון זײַן פּאַרטיי.

מיט די דאָזיקע טראַדיציעס איז אויך פֿאַרבונדן די פֿאָרם, ווי אַזוי די רעוואָלוציאָנערע ימים-טובֿים זײַנען אין יענער צײַט געפּײַערט געוואָרן. אין דער עלטערער אומלעגאַלער בונדישער ליטעראַטור געפֿינען מיר אייניקע ביז גאָר כאַראַקטע-ריסטישע באַשרײַבונגען פֿון סאָציאַליסטישע שמחות. אַחוץ די יובילייען האָט מען נאָך אויסגענוצט פֿאַרשיידענע אַנדערע געלעגנהייטן צו פּראַווען אַ שמחהלע, ווי דער יום-טובֿ פֿון ערשטן מאַי וכדומה. די פֿאַרזאַמלונגען זײַנען תּמיד געווען, בײַ די פּאָליטישע באַדינגונגען פֿון יענער צײַט, געהיים. דאָס האָט דעם יום-טובֿ צוגעגעבן אַ באַזונדערע פֿײַערלעכקייט און אַ באַזונדערן רייץ. די פֿאַרזאַמלונג פֿלעגט פֿאָרקומען געווײנטלעך הינטער דער שטאָט, דאָס רובֿ אין וואַלד. אָנהייבן פֿלעגט מען מיט אַ פּאָליטישער רעדע, אָדער אַ באַריכט פֿון דער טעטיקייט. דערנאָך פֿלעגט מען איבערגיין צום מער יום-טובֿדיקן טייל,—געזאַנג, טאָסטן אאַז"וו. זייער לעבעדיק איז אַזאַ יום-טובֿ באַשריבן אין די זכרונות פֿון מיכאַלעוויטשן:[113] „ס'איז שוין נאָך האַלבער נאַכט. די רעפּעראַטן וועגן די פּאָליטישע פּאַרטייען זײַנען שוין דורכגעלעזן. רעדעס אַפֿילו לכּבֿוד פּורים מיט פּסוקים פֿון דער מגילה זײַנען שוין אויך געהאַלטן. אַלץ איז בשלום. איצט איז שוין ניטאָ קיין סכּנה. די פּאַטרולן זײַנען שוין אַראָפּגענומען. מען פֿילט זיך שוין זיכער און פֿרײַ. מען גייט איבער צו דער צווייטער אָפּטיילונג, צו גשמיות. מען עפֿנט די פֿלעשער, מען טיילט ביר, ס'הייבן זיך אָן טאָסטן. יעדער פֿלײַסט זיך צו זאָגן עפּעס אַ שטאַרקע אָדער וויציקע ברכה. די שטימונג איז דערהיצט אויפֿן העכסטן גראַד. די אויגן גלאַנצן, די געזיכטער פֿלאַמען, אַ גערויש, אַ געמישטער כאָר פֿון שטימען".

די פֿאַרזאַמלונג ווערט געווײנטלעך געעפֿנט מיטן געזאַנג פֿון דער „שבֿועה"— אָפּטמאָל ווערט אויך בײַם פֿאַרענדיקן געזונגען די „שבֿועה".—די אַרבעטער נעמען זיך אַלע פֿאַר די הענט און בילדן אַ קרײַז אַרום דער רויטער פֿאָן. אין דער ערשטער בונדישער „שבֿועה" ווערט נאָך דײַטלעך אויף דעם אָנגעוויזן:

„דאַרום, ברידער, שוועסטער, גיט זיך אַלע די הענט,
און שווערט בײַ דער פֿאָנע, ווו דער פֿאַקעל ברענט."

דאָס געבן זיך די הענט איז נאַטירלעך גענומען פֿון רעליגיעזן ריטואַל, ווי מיר האָבן דאָס שוין פֿריער באַמערקט. בכלל אָבער איז די ערשטע „שבֿועה" לויט

---

[113] באַנד 2, ז. 34.

אינהאַלט און פֿאָרם זייער פּרימיטיוו און ווייניק פֿאָלקסטימלעך. קינסטלעריש באַדײַטיק העכער און ניט אַן ערך פֿאָלקסטימלעכער, ייִדישער איז אַנ-סקיס „שבֿועה״. עכט ביבליש איז דער פּערז: „הימל און ערד וועלן אונדז הערן״. דאָס דערמאָנט דאָס נבֿיאישע „שמעו שמים והאזיני ארץ״. פֿאָלקסטימלעך ייִדיש איז ווײַטער: „מיר אַלע, וואָס זײַנען צעזייט און צעשפּרייט״—אַ בילד, וואָס פּאַסט אַ סך ווייניקער צום פּראָלעטאַריאַט, ווי צום פֿאָלק ישראל. מען קען שטאַרק מסופק זײַן, צי וואָלט אַ ניט-ייִדישן רעוואָלוציאָנערן דיכטער געקענט אײַנפֿאַלן צו באַנוצן בנוגע דעם פּראָלעטאַריאַט אַזאַ אויסדרוק. ייִדישלעך איז ענדלעך אויך „אַ שבֿועה פֿון בלוט און טרערן״. גראָד דערפֿאַר האָט אָבער אַנ-סקיס שבֿועה אַזוי שטאַרק אויסגענומען.

אין דער נײַער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט דער ייִדישער אַרבעטער אַרײַנגעטראָגן עלעמענטן פֿון די אַלטע ייִדישע טראַדיציעס, די רעליגיעזע שטימונג און יענע רעליגיעזע באַגײַסטערונג און התלהבֿות, וועלכע האָבן באַזונדערס אויסגעצייכנט די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטערשאַפֿט. דער אין דרײַען געבויגענער ייִד, וואָס האָט געציטערט פֿאַר יעדן סימן פֿון מלכות, איז געוואָרן אַ העלד, ווען אין קאָן זײַנען געשטאַנען ניט זײַנע מאַטעריעלע אינטערעסן, נאָר זײַן אמונה. אויך דער ייִדישער אַרבעטער וואָלט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן אַזוי פֿיל מוט און אָפּערוויליקייט, ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט אויסשליסלעך וועגן מאַטעריעלע אינטערעסן, ווען דערמיט וואָלט ניט געווען פֿאַרבונדן די משיחישע וויזיע פֿון אַ נײַער צײַט, פֿון „אַחרית הימים״.

# יִדן־רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד

## אין די 60ער און 70ער יאָרן

פֿון **א. טשעריקאָווער** (פּאַריז)

עס איז שווער צו פֿאַרשטיין דעם אויפֿקום פֿון דער יִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד — אין די היסטאָרישע ראַמען פֿון איר צײַט און אַפֿילו ניט נאָר אין רוסלאַנד אַליין, אויב מ'האָט ניט פֿאַר זיך אַ בילד פֿון די גילגולים, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק, פֿון איין זײַט, און די אידעאָלאָגיע פֿון דער רוסיש-יִדישער אינטעליגענץ אין דער צווייטער העלפֿט 19טן יאָרהונדערט — פֿון דער אַנדער זײַט. די געשיכטע פֿון דער יִדישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער-באַוועגונג, ווי אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך, ווערט אין דעם באַנד באַלויכטן פֿון אַנדערע מחברים, באַזונדערס אין דעם אַרטיקל פֿון אַ. מענעס. אונדזער טעמע איז — די גאָר ערשטע אַרײַנדרינגונג אין דער יִדישער סבֿיבֿה פֿון רוסישע ראַדיקאַלע פּאָליטישע אידעען, וואָס האָבן דורכגעבראָכן די וואַנט פֿונעם אַלטן יִדישן אַפּאָליטיזם אין „תּחום" און זיך צונויפֿגעשטויסן מיט דער פּאַטריאַרכאַלישער אידעאָלאָגיע פֿון די משׂכּילים; דער פּראָצעס פֿון סאָציאַלער און אידעיִשער דיפֿערענציאַציע אין דער רוסיש-יִדישער געזעלשאַפֿט אין די 60ער און 70ער יאָרן; די ראַדיקאַליזירונג פֿון דער יִדישער יוגנט, דער מהות פֿון די העברעיִשע „ניהיליסטן" און די אויסבילדונג פֿון די ערשטע רעוואָלוציאָנערע קאַדערס צווישן יִדן. מיר אַנאַליזירן, אויפֿן סמך פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור, דער עיקר פֿון די מעמואַרן, וואָס האָבן דערשײַנט די לעצטע יאָרן, און אויך אויפֿן סמך פֿון אייניקע אַרכיוו-מקורים, דעם אָנטייל פֿון יִדן אין די **אַלגעמיינע** רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען פֿון יענער צײַט, צווישן די נאַראָדניקעס און טעראָריסטן, און די אייגנאַרטן וואָס זיי האָבן דערבײַ אַרויסגעוויזן, זייער ראָלע אין דער אָרגאַניזאַציע און טעכניק פֿון דער רעוואָלוציע און ווי רעוואָלוציאָנערע מיסיאָנערן אין אויסלאַנד, ווי אויך דעם אַרײַנקום פֿון די ערשטע יִדן-אַרבעטער אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג. דערבײַ האָבן מיר אין זינען נאָר רוסלאַנד און ניט פּוילן, ווו די פּראָצעסן האָבן זיך לגמרי אַנדערש אויסגעפֿורעמט.

אונדזער אַרטיקל בילדעט נאָר אַ **טייל** פֿון אַ גרעסערער אַרבעט, וואָס נעמט אַרום אויך די אַנדערע עטאַפּן אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם יִדישן סאָציאַליסטישן געדאַנק, הײַנו: די פּיאָנערן-תּקופֿה פֿון אַהרן ליבערמאַן, די ערשטע קרײַזלעך אין יִדישן „תּחום" און דעם אידעיִשן קריזיס אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און אין לעבן פֿון דער ראַדיקאַלער יִדישער אינטעליגענץ אין די 80ער יאָרן.

---

די צײַטן פֿון ניקאָלײַ דעם ערשטן (1825—1855) גייען ניט אַרײַן אין דער געשיכטע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אָבער זיי דאַרפֿן באַטראַכט ווערן ווי איר **פֿאָרהיסטאָרישע** תּקופֿה. אין דער דאָזיקער פֿינצטערער תּקופֿה האָט זיך אָנגעזאַמלט אין לאַנד דער סאָציאַלער אויפֿרײַסשטאָף, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געשפּײַזט און געטריבן די באַוועגונג, און ס'האָט זיך גענומען אויס-

פֿורעמען דער ראַדיקאַלער געדאַנק ביַי דער רוסישער אינטעליגענץ. פֿון מאָל צו מאָל רײַסט זיך אַרויס פֿון דער טיף פֿון רוסישן המון אַ סטיכישער און אָפּט ווילדער סאָציאַלער פּראָטעסט, וואָס דריקט זיך אויס אין אַקטן פֿון יאוש: „כאָלערע-בונטן", „קאַרטאָפֿל-בונטן", בונט פֿון סאָלדאַטן, פֿון סעקטאַנטן און דער עיקר — אויפֿשטאַנדן פֿון די לײַב-קנעכט, פֿון די פּויערים, וואָס ציִען זיך מיט הפסקות ביז נאָך דער פּויערים-באַפֿרײַונג. ניט גאָר רויִק איז אויך צווישן דער אינטעליגענץ: אין 1838 קומען פֿאָר די ערשטע סטודענטישע אומרוען, אין די ליטעראַרישע קרײַזלעך פֿון די 40ער יאָרן שמידט זיך אויס דער פֿרײַהייטס-געדאַנק; אין 1849 ווערט אַנטדעקט די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פֿון די „פּעטראַשעווצעס" און מיט צוויי יאָר פֿאַר דעם — די ערשטע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע צווישן דער אוקראַיִנישער אינטעליגענץ, די „קיריל - מעטאָדיעווער ברודערשאַפֿט". אין אויסלאַנד באַווײַזט זיך די ערשטע אומלעגאַלע ליטעראַטור פֿון פּאָליטישע עמיגראַנטן. צווישן די פּאָליאַקן נעמט אָן די אומצופֿרידנקייט די פֿאָרם פֿון אַן אָפֿענעם אויפֿשטאַנד (1831). די אַלע סימנים פֿון פּראָטעסט און אָפּאָזיציע ווערן דערשטיקט מיט אַן אײַזערנער האַנט. אָבער די ראַדיקאַלע שטימונגען אין לאַנד וואַקסן און גרייטן צו די באַוועגונג פֿון דער ווײַטערדיקער תּקופֿה.

אין ייִדישן „תּחום" איז דאָס בילד אין גאַנצן אַן אַנדערס. איבער סיבות היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג, גראָד די סאַמע געפּלאָגטע אין רוסלאַנד, געבליבן פּאָליטיש די פּאַסיווסטע. אָבער אַפֿילו דאָ שלאָפֿט ניט דער צערודערטער געמיט. די ייִדישע מאַסע איז אַזוי פֿאַרביטערט פֿון ניקאָלאַיס גזירות, אַז זי שאַפֿט אירע פֿאָרמען פֿון פּאַסיוון פּראָטעסט אין באַהאַלטענעם פֿאָלקסליד. אין די ייִדישע פֿאָלקסלידער פֿון יענער צײַט פֿילט זיך די שטים פֿון פּראָטעסט קעגן דער רעגירונג פֿאַר די גזירות פֿון רעקרוטשינע און קאַנטאָניסטן, פֿונעם קינדער-שמד, און טיילווײַז אויך פֿאַר די רדיפֿות אויף דער ייִדישער הלבשה און די פּראָיעקטירטע „ראַזריאַדן". נאָך שאַרפֿער און אָפֿענער ווערט אויסגעדריקט אין די לידער דער סאָציאַלער פּראָטעסט פֿון דער מאַסע קעגן די קהל-פֿירער, די גבֿירים און תּקיפֿים, וואָס ווענדן ניט אָפּ די גזירות און לייגן זיי אַריבער אויף די פּלייצעס פֿון די אָרעמע און האָרעפּאַשנע.

די ייִדישע מאַסע ענטפֿערט ניט נאָר מיט פֿאַרבאָרגענע לידער, אָדער מיט געוויין און תּעניתים אַליין, נײַערט אַ מאָל אויך מיט פֿאַריאושטע אַקטן פֿון ווידערשטאַנד, דער עיקר קעגן די אוקאַזן פֿון רעקרוטשינע און קאַנטאָניסטן: מיט אָנפֿאַלן אויף די אויספֿירער פֿון די אַכזריותדיקע באַפֿעלן, אויף די קהלס-לײַט און „סדאַטשיקעס", אויף די אַגענטן פֿון דער מאַכט און אויך אויף די מוסרים, וואָס „דערציילן אויס פֿון חדר" און העלפֿן דערמיט דער רעגירונג. דאָס זײַנען ווײַט ניט קיין בונטן פֿון דעם מין, ווי ביַי די רוסישע פּויערים אָדער פּוילישע פּאָווסטאַנצעס, אָבער מען טאָר אויך ניט פֿאַר-קלענערן דעם פּאָליטישן ווערט פֿון אַזעלכע אַקטן, ווי דאָס טוען אונדזערע היסטאָריקער. פֿאַר אַזאַ הכנעהדיקער און דערשלאָגענער מאַסע ווי די ייִדישע און אין די אומשטאַנדן פֿון ניקאָלאַיס קאַטאָרזשנעם רעזשים, זײַנען דאָס געווען אַקטן כּמעט בונטאַרישע. אין אַלט-קאָנסטאַנטינאָוו, וואָלינער גובערניע, האָט דער אויפֿגערעגטער המון געפֿאָדערט, מען זאָל זיך אָפּזאָגן אָנצונעמען דעם אוקאַז וועגן רעקרוטשינע (1827) און פֿאַרוואָרפֿן מיט שטיינער די קהלס-לײַט און די גבֿירים. אין אייניקע ערטער זײַנען ייִדן באַפֿאַלן מיט העק די רעקרוטן-שטיבלעך און באַפֿרײַט מיט גוואַלד די קינדער-קאַנטאָניסטן אָדער די רעקרוטן; אַזוי איז געווען אין גראָדנע, אין די שטעטלעך נײַ-זשאַגער און מיר; אין 1843 איז אַ המון ייִדן באַפֿאַלן דעם קאָנוואָי אין ווילקאָמירער אויעזד און באַפֿרײַט אַן אָפּגעגעבענעם רעקרוט, מיט גוואַלד האָבן ייִדן באַפֿרײַט אַ רעקרוט אויך אין שטעטל ראַדון; אַזעלכע פֿאַלן זײַנען באַקאַנט — הגם זיי זײַנען ניט אויסגעפֿאָרשט — אויך פֿון אַנדערע פּונקטן אין תּחום. אין גראָדנע, נײַ-זשאַגער און מיר זײַנען בראָש פֿונעם אויפֿ-

גערעגטן המון געשטאַנען אַפילו רבנים; אין מיר איז דאָס געווען דער פאָטער פונעם „הנצי"ב", דעם שפּעטערדיקן באַרימטן וואָלאָזשינער ראָש־ישיבה. די אָרטיקע מאַכט האָט אָפט מגזם געווען די „ייִדישע בונטן" און געלאָזט וויסן וועגן דעם אין פּעטערבורג, אָבער מ׳קען ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם פאַקט, אַז די אַלע פאַלן זײַנען געווען אַן אויסדרוק פון טיפער אויפרעגונג, וואָס איז שוין געווען עפּעס מער ווי נאָר פּאַסיווער פּראָטעסט.

מער ווי אַ פּאַסיווער פּראָטעסט איז אויך געווען די נקמה אין די ייִדישע מוסרים. אַ רײַ מוסרים, וואָס העלפן דער רעגירונג אין די רדיפות אויף ייִדן, ווערן בשתיקה אָפּגעראַמט פון וועג. אין נײַ־אושיצע (ליטענעוועץ), וואָלין, האָט מען געהרגעט צוויי אַזעלכע מוסרים און דערפאַר זײַנען אַרעסטירט געוואָרן צענדלינגער בעלי־בתּים, וואָס האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט „שפּיצרוטן", קאַטאָרגע און סיביר; אין דעם ענין איז געווען פאַרמישט אויך דער באַרימטער חסידישער רבי ר׳ ישׂראל רוזשינער, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן און שפּעטער אַנטלאָפן; דעם דונאַיעווצער רבֿ האָבן ייִדן מיט גוואַלד אָפּגעשלאָגן פון קאָנוואָי. ענלעכע פאַלן זײַנען פאָרגעקומען אין ראָזשענאָיע, לעבן גראָדנע, און אין מינסק שוין אין די 60ער יאָר און אין שקלאָוו אַפילו שפּעטער. מיטן „קלעצקער מסור" גאָלדבערג האָט קהל געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמף דורך מסירות, ביז ער איז פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר.

די ייִדישע באַפעלקערונג האָט געטראָגן אין הערצן אַ טיפע שׂינאה צו ניקאָלאַיס רעגירונג. אָבער אויפן צד פון דער רעגירונג האָט זיך געשטעלט די דעמאָלטיקע ייִדישע אינטעליגענץ. די משׂכּילים די ראַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן געליטן פונעם אָרטאָדאָקסישן פאַנאַטיזם, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער רעגירונג; זיי האָבן געגלייבט, אַז זי זוכט די טובֿה פון ייִדן דורך אײַנפלאַנצן ביד חזקה בילדונג און בירגערלעכקייט, דורך מאַכן זיי נוצלעך פאַר דעם פאָטערלאַנד, און האָבן באַרעכטיקט די רעקרוטשינע און „ראַזריאַדן", אַלע צוואַנג־רעפאָרמעס און באַזונדערס די קאַזיאָנע בילדונג. אַפילו יצחק־בער לעווינזאָן האָט מלמד־זכות געווען אויף דער רעגירונג; אדם הכהן לעבענזאָן האָט געלויבט די הויכע שׂררות אין זײַנע שירים און א. ב. גאָטלאָבער איז געווען באַגײַסטערט פון דעם קייסערס חסדים און גערופן ייִדן צו ווערן צאַרן־געטרײַע פאַטריאָטן. אַזוי זײַנען די פרײַנד פון השׂכּלה געוואָרן די פרײַנד פון פּאָליטישער רעאַקציע. זיי האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון דער רעגירונג אין איר קאַמף קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. זיי האָבן געשאָטן מיט מסירות אויף די חסידים, וואָס פאָלגן ניט די געזעצן פון לאַנד, זיי האָבן געהאָלפן אַרײַנצולאָזן די פּאָליצײַ־צענזור אין ייִדישן „תחום" און לויט זייער עצה איז דורכגעפירט געוואָרן אַ רעוויזיע פון ייִדישע ספרים; זיי זײַנען שולדיק געווען אין דעם, וואָס מ׳האָט פאַרמאַכט כּמעט אַלע ייִדישע דרוקערײַען און געברענט „שעדלעכע ייִדישע ספרים". ד"ר מאַקס ליליענטאַל, וואָס איז געקומען דורכצופירן צווישן ייִדן די בילדונגס־רעפאָרמע ווי אַן אַגענט פון דער רעגירונג, האָט געפאָדערט פון דער מאַכט אָנצונעמען קעגן דער ווידערשפּעניקער מאַסע שטרענגע מיטלען, אײַנצופירן נײַע, ספּעציעל ייִדישע שטײַערן און געוואָלט דורכפירן די רעפאָרמע מיט „בײַטש און צוים". די משׂכּילים האָבן אים אויפגענומען מיט באַגײַסטערונג, און די פרומע מאַסע — מיט שרעק און אויפרעגונג. די פאָרשטייער פון די קהילות האָבן אים אָפן דערקלערט, אַז זיי האָבן ניט קיין צוטרוי צו די גוטע כּוונות פון דער רעגירונג. „שקאָלעס ניע זשעלאַיעם!" איז געווען אַ געשריי פון בלינדע, אָבער צו דער גלײַכער צײַט אויך אַן אויסדרוק פון פּאָליטישן פּראָטעסט. די אַלע רעפאָרמעס זײַנען אויפגענומען געוואָרן פון ייִדן ווי רעליגיעזע רדיפות און ספּעציעל ווי אַ גזירת־שמד אויף ייִדישע קינדער דורך דער קאַזאַרמע און דער „שקאָלע". דער יאוש איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז אינעם מעמאָראַנדום פון די ווילנער ייִדן צו משה מאָנטעפיאָרע פאַרקלאָגן זיי רוסלאַנד

פֿאַר דער וועלט: „ברידער פֿון דײַטשלאַנד, פֿראַנקרײַך און ענגלאַנד! וואָס שווײַגט איר?"*

די אויפֿרעגונג פֿון דער ייִדישער מאַסע, געטריבן דורכן רעליגיעזן פּראָטעסט, וואָלט אפֿשר געקענט ווערן אַן אויסגאַנגפּונקט פֿאַר אַ פּאָליטישן פּראָטעסט, ווי בײַ די רוסישע סעקטאַנטן, און נאָך דעמאָלט שאַפֿן אַ באָדן פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון ראַדיקאַלע אידעען און אַרויסרופֿן פּאָליטישע קעמפֿער. אָבער ייִדן האָבן געלעבט צעזייט ווי אַ מיעוט צווישן אַ פֿײַנטלעכער באַפֿעלקערונג, האָבן זיך געפֿילט דערשלאָגן און דערצו זײַנען זיי פֿון דורות דערצויגן געוואָרן פֿון די רבנים און רביים, פֿון די ראָשי־קהל און תּקיפֿים אינעם גײַסט פֿון הכנעה און אָפּגעזונדערטקייט. און די משׂכּילים, מיט די אויגן געווענדט צו דער השׂכּלה און דער רעגירונג, האָבן זיך געשטעלט קעגן דער מאַסע און מיט אַלע מיטלען געצוימט דעם פּראָטעסט־געפֿיל. אַזוי איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿאַרבליבן פּאָליטיש פּאַסיוו לענגער ווי די אַנדערע באַפֿעלקערונג־טיילן אין רוסלאַנד. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָצעס צווישן ייִדן איז געקומען שפּעטער און דורך אַן אַנדער וועג: דורך די זין פֿון די משׂכּילים, וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט פֿון זייערע טאַטעס, דורך סטודענטן, וואָס זײַנען אַוועק פֿון „תּחום" און האָבן זיך גײַסטיק באַהאָפֿטן און אַסימילירט מיט דער רוסישער קולטור און מיטן רוסישן ראַדיקאַליזם.

## I

די 60ער יאָרן אין דער רוסישער רעוואָלוציע. — דער אַפּאָליטיזם אינעם ייִדישן תּחום.

אין די 60ער יאָרן גייט אָן אַ האַסטיקער אָנוווּקס פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד, וואָס קאָנסאָלידירט זיך ווי אַ סאָציאַלע גרופּע צו די 70ער יאָרן. אָנשטאָט דעם אַלטמאָדישן משׂכּיל דעם אויטאָדידאַקט קומט אויף דער מאָדערנער דיפּלאָמירטער אינטעליגענט. די רעגירונג פֿון אַלעקסאַנדער II האָט בידים געהאָלפֿן אויסבילדן די דאָזיקע גרופּע, עפֿענענדיק אין 1856 די טירן פֿון די אַלגעמיינע שולן פֿאַר ייִדן. נאָך וויכטיקער איז געווען, וואָס לויטן געזעץ פֿון 27סטן נאָוועמבער 1861 האָבן ייִדן נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט באַקומען וווינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד און רעכט אויף מלוכה־שטעלעס.[1] דער דאָזיקער אומשטאַנד איז געוואָרן אַ סך אַ שטאַרקערער סטימול צו בילדונג ווי אַלע צוואַנגאויקאַזן פֿון ניקאָלײַ I אין איינעם גענומען און ווי אַלע דרשות פֿון די משׂכּילים וועגן דער פּראַכט פֿון השׂכּלה. אין גאָר אַ קורצער צײַט וואַקסט אויס בײַ ייִדן אין גאַנצן אַ נײַער סאָציאַלער שיכט. אין די 40ער יאָרן האָט די גרעסטע משׂכּילישע גרופּע, די ווילנער, וואָס איז באַשטאַנען פֿון העברעיִשע לערערס, שרײַבערס און אויפֿגעקלערטע בעל־הבתּישע קינדער, אָנגעציילט כּסך־הכּל אַ 45 פּערזאָן;[2] אין די רוסישע הויכשולן זײַנען געווען סטודענטן יחידים און אַ פּאָר צענדלינג תּלמידים אין די מיטלשולן. פֿאַר די יאָרן 1840 ביז 1872 וואַקסט אויס די צאָל ייִדן אין די רוסישע גימנאַזיעס פֿון 48 ביז 2362 און אין די הויכשולן

---

* דער מעמאָראַנדום איז פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון שאול גינזבורג אין זײַנע היסטאָרישע ווערק (ניו־יאָרק 1937), ב׳ 2.

1 זע אונדזער געשיכטע פֿון דער חבֿרה מפֿיצי השׂכּלה (רוס׳, פּעטערבורג 1913), ז׳ 128; אַזעלכע רעכט האָבן באַקומען נאָר די געענדיקטע פֿון ערשטן גראַד, אָבער אין 1865 איז דער געזעץ פֿאַרשפּרייט געוואָרן בכלל אויף אַלע ייִדן וואָס האָבן געענדיקט דעם אוניווערסיטעט, און אין 1871 אויך אויף די אַבסאָלווענטן פֿון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט.

2 זע די אַרט׳ פֿון מ. מרגלית וועגן דער געשיכטע פֿון בילדונג צווישן רוסישע ייִדן, ז״ב „Евр. Библиотека" ב׳ 1 (פּעטערבורג 1871), ז׳ 155. (אַרײַן אויך אין זײַן בוך „Вопросы евр. жизни" 1889).

צום יאָר 1876 — ביז איבער 300;[3] אין יאָר 1886 דערגייט שוין די צאָל ייִדישע סטודענטן אין די זיבן רוסישע אוניווערסיטעטן (אָראָפּגערעכנט דעם וואַרשעווער) ביז 1684.[4] אין יאָר 1856 ווערט דערלויבט די תּלמידים פֿון די ראַבינער-שול אין ווילנע און זשיטאָמיר אַרײַנצוטרעטן אין אוניווערסיטעט, און נאָר פֿון ווילנער ראַבינער-שול אַליין גייען אַריבער, במשך פֿון די יאָרן 1863—1872, אין די אַלגעמיינע הויכשולן 110 תּלמידים.[5] אַזוי ווערן די ראַבינער-שולן אַ לאַבאָראַטאָריע, וואָס גרייט צו קאַדערס דיפּלאָמירטע ייִדישע אינטעליגענץ. אַ גאַנץ גרויסע ראָלע אין דער אויסבילדונג פֿון דער אינטעליגענץ שפּילט אויך די שטאָט אָדעס, וואָס איז אַ סך מער אַסימילירט ווי די שטעט אין ליטע, רײַסן אָדער אוקראַיִנע. אין דער באַקאַנטער אָדעסער ייִדישער שול פֿון בצלאל שטערן האָבן למשל ביזן יאָר 1860 באַקומען בילדונג איבער 150 שפּעטער געוואָרענע דאָקטוירים, בײַ 300 לערערס, חוץ בוכהאַלטערס וכדומה.[6] אָדעס איז אויך געוואָרן דאָס וויגעלע פֿון די ערשטע רוסיש-ייִדישע פּובליציסטן.

די פּיאָניערן פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ האָבן דאָס רובֿ געשטאַמט פֿון די אָרעמע שיכטן; בעל-הבתּישע קינדער זײַנען די ערשטע צײַט געווען אַ סך ווייניקער. דורך דער טיר פֿון השׂכּלה האָט זיך דער אָרעם-בחור נאָך שווערע לײדן און קאַמפּן דערקליבן צו די געצעלטן פֿון הויכער בילדונג און איז אַרײַן אין רוסישן לעבן, וווּ ס'האָבן זיך פֿאַר אים געעפֿנט נײַע וועלטן און אויך ברייטע פּ ר אַ ק ט י ש ע מעגלעכקייטן. ווי ליליענטאַל דערציילט אין זײַן „מגיד ישועה“, האָט אווואַראָוו בײַם אײַנפֿירן די קרוינשולן אָנגעוויזן, אַז זיי „וועלן געבן ייִדן אַ נ ײַ ע ם מ ק ו ר פֿ ו ן פּ ר נ ס ה... חיונה בשפֿע“. „אונדז, דער יוגנט פֿון ראַבינער-שול, איז שוין צײַט צו קלערן וועגן קאַריערע און א ו י ס נ ו צ ן ד י ג ע ל ע ג נ ה י י ט“, שרײַבט אָפּן ל. לעוואַנדע צו זײַנעם אַ פֿרײַנד נאָכן דערמאָנטן געזעץ פֿון 27סטן נאָוועמבער 1861.[7] און די ייִדישע יוגנט נוצט אויס ברייט די דאָזיקע געלעגנהייט. זי רײַסט זיך אָפּ פֿון דעם אָרעמען „תּחום“, פֿון דער ייִדישער מאַסע, אַפֿילו פֿון די משׂכּילישע טראַדיציעס.

דער גיכער אָנוווּקס פֿון דער אינטעליגענץ איז כּלל ניט געווען קיין ריין ייִדישע דערשײַנונג. אין אַ סך אַ ברייטערן פֿאָרנעם גייט אַן ענלעכער פּראָצעס אין גאַנץ רוסלאַנד. ביז דעמאָלט איז בילדונג אין רוסלאַנד געווען נאָר אַ פּריווילעגיע פֿאַר דוואָריאַנעס, אַדלײַט, די צאָל סטודענטן אין יעדן אוניווערסיטעט איז אין די לעצטע יאָרן פֿון ניקאָלאַיס רעגירונג געווען באַגרענעצט מיט 300; נאָך די רעוואָלוציעס פֿון 1848 אין אייראָפּע האָט מען אין רוסלאַנד געהאַלטן אַפֿילו בײַם פֿאַרמאַכן אַלע אוניווערסיטעטן.[8] די קרימער מפּלה און דער טויט פֿון ניקאָלאַי I מאַכן אַ סוף

---

3 זע אונדזער געשיכטע פֿון מפֿיצי השׂכּלה, ז' 129 א"וו. די צאָל ייִדישע סטודענטן אין 1876 איז נאָר אין די א ו נ י ו ו ע ר ס י ט ע ט ן געווען 247, דערצו דאַרף צוגערעכנט ווערן די סטודענטן פֿון דער מעדיציניש-כירורגישער אַקאַדעמיע און אַנדערע ספּעציעלע הויכשולן, אַזוי אַז די אמתע צאָל איז אייגנטלעך אַ סך העכער פֿון 300.

4 פֿג"ל דעם ראַפּאָרט וועגן דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון בילדונג צווישן ייִדן פֿון א. ג ע אָ ר ג י ע ח ס ק י, באַשטימט פֿאַר דער פּאַלען-קאָמיסיע אין 1886 (געדרוקט ווי אַ מאַנוסקריפּט אין אַ באַגרענעצטער צאָל), ז' 198, טאַבעלע.

5 דאָרטן, ז' 170; פֿג"ל אויך אונדזער געשיכטע פֿון מפֿיצי השׂכּלה, ז' 132. אין ווילנער ראַבינער-שול זײַנען אין משך פֿון 1864—1873 אַרײַנגעטראָטן 1050 תּלמידים (ג ע אָ ר ג י ע ו ו ס ק י, ז' 169), די צאָל תּלמידים אין זשיטאָמירער ראַבינער-שול איז געווען אַ סך קלענער.

6 Рассвет (ערשטער רוס'-ייִדישער אָרגאַן, אָדעס), 1860, נומ' 20, אַרט' פֿון מ. זילבערשטײן וועגן דער אָדעסער שול.

7 זע די קאָרעספּאָנדענץ פֿון ל. לעוואַנדע אין Евр. Библиотека ב' 9, 1901 ז' 30.

8 א. ג ע אָ ר ג י ע ו ו ס ק י, ז' 183; פֿג"ל אויך אונדזער געשיכטע פֿון מפֿיצי השׂכּלה, ז' 6.

צום רעזשים פון אַזיאַטישער סאָלדאַטשינע און צו אַ סאָציאַלער אָרדענונג, וואָס איז געווען פון אויבן ביז אַראָפּ געבויט אויף פויערשער קנעכטשאַפט און פּריצישע פּריווי־לעגיעס. עס קומט אויף אַ נײַ רוסלאַנד, וואָס זוכט אַ וועג צום מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם. דער עקאָנאָמישער ליבעראַליזם עפנט אויך די טיר פאַר ליבעראַלע פּאָליטישע אידעען. עס הייבט זיך אָן די אַזוי גערופענע „עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמעס“, אַ גוואַלדיקע אויפ־לעבונג אויף אַלע געביטן. דאָס לאַנד געניייטיקט זיך אין נײַע מענטשן, אין אַ פּראָפעסיאָ־נעלער און דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ — אינזשעניערן, טעכניקער, דאָקטוירים, ריכטער, נאָטאַריוסן, אַדוואָקאַטן, לערערס, פּובליציסטן, געלערנטע און אָרגאַניזאַטאָרס פון דער פאָלקסווירטשאַפט. אין נאָוועמבער 1856 ווערן ברייט געעפנט די טירן פון די הויכשולן פאַר אַלעמען אָן אויסנאַם, און טויזנטער „ראַזנאָטשינצעס“ — מענטשן פון ניט פּריווילעגירטע שטאַנדן[9] — גיבן זיך אַהין אַ לאָז.

דער „ראַזנאָטשינעץ“, וועלכער באַהערשט די הויכשול, די זשורנאַליסטיק, טיילווײַז די ליטעראַטור, קומט מיט גאַנץ אַנדערע שטימונגען ווי די אידעאַליסטן און מעטאַפיזיקער פון די 30—40ער יאָרן. ער איז ראַציאָנאַליסטיש און שאַרף קריטיש, בונטאַריש און ראַדיקאַל לויט זײַן נאַטור. אין צענ:ער פון פּאָליטישן לעבן און פונעם געזעלשאַפטלעכן אינטערעס שטייט דעמאָלט די פּ ו י ע ר י ם - פ ר אַ ג ע. פאַקטיש איז די באַפרײַונג פון די פויערים, דעם 19טן פעברואַר 1861, געקומען דער עיקר ווי אַ רעזולטאַט פון די גרויסע פויערשע בונטן. אין זײַן רעדע פאַר די מאָסקווער דוואָריאַנעס, מערץ 1856, האָט דער נײַער צאַר, אַלעקסאַנדער II, אָפן געזאָגט: „עס איז בעסער אָפּצושאַפן דאָס לײַבאייגנטום-רעכט פון אויבן, איידער צו וואַרטן ביז ס׳וועט פון זיך אַליין אָפּגעשאַפט ווערן פון אונטן“. פויערשע אומרוען הערן ניט אויף כּמעט די גאַנצע צײַט פון ניקאָלאַיס רעגירונג, און הגם זיי ווערן דערשטיקט מיט אַן אײַזערנער האַנט, קומען זיי אויף יעדער מאָל פון דאָס נײַ און אין די לעצטע יאָרן פון ניקאָלאַיס תּקופה נעמען זיי אָן אַ ברייטן כאַראַקטער; אין די ערשטע יאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס ממשלה פאַרשטאַרקן זיי זיך נאָך מער און פאַקטיש לעכערן זיי דורך די גאַנצע סיסטעם פון לײַבקנעכטשאַפט נאָך פאַרן 19טן פעברואַר 1861.[10] די באַפרײַונג פון 22 מיליאָן פויערים פון דער פאַנשטשיזנע, וואָס איז געווען די ביטערע חרפּה פון רוסלאַנד, האָט די פויערים און אויך די ראַדיקאַל געשטימטע געזעלשאַפט ניט נאָר ניט באַרויִקט, נײַערט זיי האָבן זיך געשפּירט טיף אָפּגענאַרט: די באַפרײַונג האָט נאָר געשאַפן אַ יורידיש פרײַען סאָציאַלן קלאַס פון צענדליגנער מיליאָנען, וואָס איז אָבער געווען ביז גאָר פאַראָרעמט און עקאָנאָמיש פאַרשקלאַפט. באַלד נאָכן 19טן פעברואַר 1861 מערקט זיך אַ גוואַלדיקע פאַרשאַרפונג פון די פויערשע בונטן, וואָס נעמען אָן אַ מאַסן-כאַראַקטער און פאַרשפּרייטן

---

[9] Разночинцы — אַ סאָציאַלער שיכט, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין רוסלאַנד אין די 50ער — 70ער יאָרן פון מעשטשאַנעס, סוחרים, פויערים, גײַסטלעכע פון קלענערן ראַנג, פאַראָרעמטע דוואָריאַנעס, בכלל מענטשן פון פאַרשידענע שטאַנדן, חוץ די אַלטע פריווילעגירטע שטאַנדן פון רײַכע דוואָריאַנעס, הויכע אָפיצירן און באַאַמטע; אײגנטלעך מײנט עס דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ, און שפּעטער ווערט שוין באַנוצט פשוט דאָס וואָרט אינטעליגענץ.

[10] די ליטעראַטור וועגן דער פויערים-באַוועגונג אין יענער צײַט איז אַ גאַנץ גרויסע; זע די אַרט׳ פון י. מ אָ ר אָ כ אָ ו ו ע ץ Опыт библиографич. указателя по истории крестьянского движения в России געדרוקט אין Вестник Социалистической Академии 1923, נו׳ 3—5; די אַלטע ליטעראַטור זע אויך אינעם בוך פון ג. ק ו ק ל י ן, Материалы по истории революц. движения в России (זשענעווע, 1905) ב׳ 1, ז׳ 259—271 און ז׳ 279. אין משך פון 1826 ביז 1861 ווערן אָנגעצײלט 1618 פויערשע אומרוען, צווישן זיי עטלעכע הונדערט גאַנץ ערנסטע.

זיך ווי אַ וואַלד־שׂריפֿה איבער 1100 פּונקטן אין משך נאָר פֿון די ערשטע צוויי יאָר.[11] די באַוועגונג טראָגט אַ סטיכיש, אומאָרגאַניזירטן כאַראַקטער און ווערט אויך פֿון דער „ליבעראַלער" רעגירונג דערשטיקט מיט גרויס אַכזריות.

די דאָזיקע סטיכישע באַוועגונג פֿון די פּויערים און באַזונדערס דער טראַגישער אויפֿשטאַנד אין דאָרף בעזדנאַ[12] האַלטן אין אַ צושטאַנד פֿון אומרו דאָס גאַנצע לאַנד און רעוואָלוציאָניזירן די געמיטער פֿון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. אַזוי שאַפֿט זיך די טעאָריע וועגן דעם רוסישן פּויער דעם געבוירענעם בונטאַר, וואָס איז לויט זײַן טבֿע נאָך רעוואָלוציאָנער, סאָציאַליסטיש און אַנאַרכיסטיש, איז אַן אָרגאַנישער געגנער פֿון מלוכה און מלוכהשאַפֿט און האָט אַליין, אויף זײַן דרך, געשאַפֿן אַן אייגנאַרטיקע פֿאָרם פֿון אַ רוסישן סאָציאַליזם. די אינטעליגענץ אַנטדעקט פּלוצים די „אָבשטשינע"— דעם אינסטיטוט פֿון קאָלעקטיוון דאָרפֿישן ערד־אייגנטום — און דערהייבט די דאָזיקע היסטאָריש אָפּגעלעבטע פֿאָרם צום העכסטן אידעאַל און זעט אין איר די אויסלייזונג פֿון דער האָרעפּאַשנער מענטשהייט. דער טאַלענטפֿולסטער באַגרינדער פֿון דער דאָזיקער טעאָריע פֿון פּ ו י ע ר ש ן ס אָ צ י אַ ל י ז ם, ריכטיקער — פֿון פּויערשן אַ נ אַ ר כ י ז ם ווערט טשערנישעווסקי. זײַן השפּעה אויף די מוחות פֿון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ איז אומגעהײַער און זײַן אַרעסט אין 1862 און שווערע אָפּקומעניש אין תּפֿיסה און אין סיביר מאַכן אים אין אירע אויגן פֿאַר אַ מאַרטירער, כּמעט פֿאַר אַ הייליקן. אישוטין, דער גײַסטיקער פֿאָטער פֿון ערשטן צאַרן־אַטנטאַט (קאַראַקאָזאָווס שאָס אין 1866), האָט איין מאָל געזאָגט, אַז ער קען נאָר דרײַ גרויסע מענטשן אין דער געשיכטע: קריסטוסן, אַפּאָסטאָל פּוילוסן און טשערנישעווסקין...[13]

צו די פּאַראַדאָקסן פֿון יענער פֿרילינג־תּקופֿה אין לעבן פֿון דער גרינער רוסישער אינטעליגענץ, ווען די אידעאָלאָגיעס טראָגן נאָך אַ צעשווומענעם כאַראַקטער, געהער דער אין פֿלוג אויסטערלישער פֿאַקט, וואָס צו דער גלײַכער צײַט ווערט די ראַדיקאַלע יוגנט באַוועלטיקט אויך פֿון אַ טעאָריע, וואָס געפֿינט זיך אין אַ שאַרפֿער סתּירה צו די סאָציאַליסטישע אידעען און צו דער אמונה אינעם פּויער, — פֿונעם „ניהיליזם". איר טעאָרעטיקער, דער קוים 21יאָריקער סטודענט פּיסאַרעוו, טרעט אַרויס אין 1861 מיט זײַנע לײַדנשאַפֿטלעכע און טאַלאַנטפֿולע אַרטיקלען וועגן דעם פּרימאַט פֿון דעם אינטעליגענט, פֿונעם רעאַליסטיש דענקענדיקן יחיד. ער פּריידיקט די פֿולע עמאַנסיפּאַציע פֿון דער פּערזענלעכקייט, רופֿט איבערצוריײַסן מיט אַלע אויסגעדראָשענע אמתן, מיט רעליגיע, פֿאַמיליע־פֿאָרמען און אָנגענומענער מאָראַל, צו זײַן עגאָיִסטיש, ניכטער, פּאָזיטיוויסטיש, אַרויסוואַרפֿן ראָמאַנטיק און עסטעטיק און פֿאַרבײַטן זיי מיט נאַטור־וויסנשאַפֿט און אָפּרייניקן דעם וועג פֿון אַלע אַלטע אָנוווקסן, וואָס צוימען די פֿרײַע פּערזענלעכקייט.

---

11 די ליטעראַטור זע בײַ מ אָ ר אָ כ אָ װ ע ץ, דצ"ו. צו די 70ער יאָרן ווערט די פּויערים־באַוועגונג כּמעט פֿאַרשווונדן, אָנהײב די 80ער יאָרן מערקט זיך אַ געוויסער אויפֿשטײַג, אָבער נאָך 1885 ווערט די באַוועגונג ווידער פֿאַרשווונדן און לעבט אויף ערשט אין 1902, בעת די מאַסן־אומרוען פֿון די פּויערים אין פּאָלטאַווער, כאַרקאָווער און טשערנישעווער סאַראַטאָווער גוב', וואָס דינען ווי אַ פּראָלאָג צו דער רעוואָלוציע פֿון 1905.

12 אין אַפּריל 1861 האָט אויסגעבראָכן אין בעזדנאַ, קאַזאַנער גובערניע, אַן אויפֿשטאַנד, אָנגעפֿירט פֿון אַ פּשוטן פּויער, אַנטאָן פּעטראָוו; ס'האָבן זיך באַטייליקט איבער 10 טויזנט פּויערים פֿון 90 דערפֿער. די מיליטער־מאַכט האָט דעם אויפֿשטאַנד אַכזריותדיק דערשטיקט, עס זײַנען דערהרגעט און פֿאַרווונדעט געוואָרן עטלעכע הונדערט מענטשן, פּעטראָוו איז פֿאַרמישפּט געוואָרן צו תּליה. די ליטעראַטור וועגן דעם אויפֿשטאַנד איז אַ גאַנץ רײַכע; די וויכטיקסטע מקורים: מ. א י ג נ אַ ט אָ װ י ט ש. Волнения пом. крестьян с 1854 по 1863 г. (געדר' אין זשורנאַל Минувшие Годы 1908 נר' 5—11); אַרט' פֿון מ. נ ע ט ש ק י נ אַ אין Красный Архив ב' 35 (1929), ז' 176—208 (אין אונדזער אַרט' וועגן די פּאָגראָמען אין די 80ער יאָרן אין די „היסטאָרישע שריפֿטן" ב' II, ז' 444, איז דורך אַ טעות־הדפּוס אָנגעגעבן ב' 53 אַנשטאָט ב' 35). זע אויך די אַרט' פֿון מ אָ ר אָ כ אָ װ ע ץ, ווו ס'איז אָנגעגעבן אויספֿירלעך די ליטעראַטור.

13 זע „Красный Архив" ב' 17 (1926), אַרט' פֿון א. ש י ל אָ ו ו וועגן ענין קאַראַקאָזאָוו, ז' 93.

„וואָס עס לאָזט זיך ברעכן — מוז צעבראָכן ווערן; וואָס ס'וועט אויסהאַלטן — דאָס טויג, וואָס ס'קען חרובֿ ווערן — דאָס איז אַ שבֿרי־כּלי. אויף יעדן פֿאַל — שלאָג רעכטס, שלאָג לינקס, קיין היזק וועט און קען דערבײַ ניט זײַן"[14] — אַזוי פֿאָרמולירט פּיסאַרעוו זײַן נײַע פֿילאָסאָפֿיע. „איך האָב דעמאָלט ניט אָנערקענט אַפֿילו די זון און די לבֿנה", שרײַבט איראָניש פּיסאַרעוו שפּעטער אין איינעם פֿון זײַנע בריוו.[15] די דאָזיקע פֿאַרשפּיצטע פֿאָרמולע ווערט מיט באַגײַסטערונג אויפֿגענומען פֿון דער יונגער אינטעליגענץ. דער נאָמען „ניהיליזם" ווערט אונטערגעכאַפּט פֿון די געגנער און ברייט באַקאַנט אין דער וועלט ווי אַ באַצייכענונג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל, הגם דאָס איז גאָר ניט איינס און דאָס זעלביקע. פּיסאַרעווס טעאָריע האָט אָן שום ספֿק צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, אָבער דער „ניהיליזם", אין דער אמתן, דינט צו דער גלײַכער צײַט הן דעם אינדיווידואַליסטישן אינטעליגענט, וואָס זוכט פֿרײַהייט פֿאַר זײַן אונטערנעמונגס־גײַסט אין דער נײַער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט („דער מענטש גופֿא פֿאַר זיך איז טײַערער פֿון אַלץ אין דער וועלט"), און הן דעם אַנאַרכיסטיש געשטימטן בונטאַר, וואָס זוכט צו צעברעכן די אַלטע וועלט.

אַ גרויסע ראָלע אינעם אָנוווקס פֿון די ראַדיקאַלע שטימונגען שפּילט די פּאָליטישע עמיגראַציע און באַזונדערס גערצען, דער פֿאָרשטייער פֿון די אַלטע פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס האָט דער ערשטער געשאַפֿן אין אויסלאַנד אַ טריבונע פֿאַרן פֿרײַען וואָרט. זײַן זשורנאַל „קאָלאָקאָל", וואָס ער גיט אַרויס אין לאָנדאָן פֿון סוף די 50ער יאָרן, ווערט דער וויכטיקסטער פֿאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם אָפּאָזיציאָנעלן געדאַנק אין רוסלאַנד. אויף וויפֿל דער „קאָלאָקאָל" איז געווען פּאָפּולער, קען מען מישפּטן פֿון דעם פֿאַקט, וואָס ער פֿלעגט זיך געהיים פֿונאַנדערגיין אין 2000—2500 עקזעמפּלאַרן[16] — אַ רעקאָרד, וואָס קיין שום אומלעגאַלער אָרגאַן האָט ניט דערגרייכט אַפֿילו אין די שפּעטערדיקע יאָרצענדלינגער. עס ווערט דערציילט, אַז בעת דער באַרימטער אוקראַינישער פּאָעט־רעוואָלוציאָנער שעווטשענקאָ האָט צום ערשטן מאָל דערזען דעם „קאָלאָקאָל", האָט ער אים גענומען קושן, ווי דאָס וואָלט געווען די עוואַנגעליע. גערצען, אַ פֿרײַגײַסט, וואָס די רעוואָלוציע האָט אַרויסגעריסן פֿון די אַריסטאָקראַטישע רייען, איז געווען ניט ווייניק דורכגעדרונגען מיט סלאַוואָפֿילישע אידעען, וואָס ער האָט גענירשנט אין די קרײַזלעך פֿון די 40ער יאָרן. ער האָט דער ערשטער אָנגעוויזן אויף דער אייגנאַרטיקער פֿאָרם פֿון דער רוסישער פּויערשער ווירטשאַפֿט, אויף דער „אָבשטשינע", און אײַנגעפֿונען אין איר אַ סאָציאַליסטישן מהות. ער האָט אויך דער ערשטער געוואָרפֿן דעם לאָזונג, נאָך די סטודענטישע אומרוען אין 1861, וועגן דעם חובֿ פֿון דער אינטעליגענץ לגבי דעם פֿאָלק, דאָס מיינט דעם פּויער. „וווהין גיין? — ווענדט ער זיך צו די אויסגעשלאָסענע סטודענטן — אין פֿאָלק אַרײַן, צום פֿאָלק! דאָרט איז אײַער אָרט, איר פֿאַרטריבענע פֿון דער וויסנשאַפֿט!"[17] אין די 60ער יאָרן באַווײַזט זיך אין אויסלאַנד — צום צווייטן

---

14 ד. פּ י ס אַ ר ע װ, זאַמלונג פֿון זײַנע ווערק (רוס'), אויסג' 1894, ב' 1, ז' 374—375.

15 זע י. ס אָ ל אָ ו י אָ ו ו ס מאָנאָגראַפֿיע וועגן פּיסאַרעוון (רוס'), פֿאַרלאַג גזשעבין, בערלין, ז' 139.

16 אין 1855 האָט גערצען אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין לאָנדאָן דעם אָרגאַן Полярная Звезда (ביזן יאָר 1867 אַרויס 8 נומערן), אין 1858 — אויך דעם Колокол וואָס איז געווען ניט אַן ערך מער פֿאַרשפּרייט; זע דאָס בוך: Общественное движение при Александре II (אַרויסג' פֿון רעדאַקציע „אָסוואָבאָזשדעניע", פּאַריז 1905; דאָס בוך איז אַרויס אַנאָנים, זײַן מחבר איז א. ק אָ ר נ י ל אָ ו ו), ז' 127. נאָכן פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון 1863 איז דער „קאָלאָקאָל", מחמת זײַן פּאָזיטיווער שטעלונג צום אויפֿשטאַנד, שטאַרק געפֿאַלן אין רוסלאַנד און אין 1869 האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. אין 1870 האָט נעטשאַיעוו באַנײַט אין זשענעווע דעם אָרגאַן, אונטערן נאָמען „Колокол русских агентов" (זע ווײַטער).

17 Колокол נומ' 110, פֿון 1טן נאָוועמבער 1861.

מאָל — באַקונין, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון סיביר, און אויך ער רופֿט די רוסישע אינטעליגענץ אין דאָרף אַרײַן. אָבער זײַן אמתע השפּעה הייבט זיך אָן ערשט שפּעטער סוף די 60ער יאָרן, ווען ער באַזעצט זיך אין דער שווייץ און הייבט אָן זײַן אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע און זײַן באַרימטן קאַמף אינעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל קעגן קאַרל מאַרקסן. בײַ באַקונינען זײַנען די פּאַנסלאַוויסטישע אידעען נאָך אַ סך שטאַרקער ווי בײַ גערצענען, באַזונדערס די ערשטע יאָרן דאָס איז אָבער אַ פּאַנסלאַוויזם; וואָס רופֿט צו אַן אַלגעמיינעם בונט און אַנאַרכיסטישער צעשטערונג. פֿון אָנהייב די 60ער יאָרן קומט צו אין דער שווייץ, אין זשענעווע, אַ נײַע גרופּע יונגע פּאָליטישע עמיגראַנטן פֿון די „ראַזנאָטשיצנעס" (א. סערנאָ-סאָלאָוויאָוויטש, עלפּידין, אוטין א"אַ), וואָס טיילן זיך אָפּ הן פֿון גערצענען און הן פֿון באַקונינען און פֿרוּוון פֿון זייער צד צו באַקומען אַ ווירקונג. צו דער זעלביקער צײַט פֿורעמט זיך אויס אין רוסלאַנד גופֿא אַן אייגענע און זעלבשטענדיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

דאָס יאָר פֿון פּויערים-באַפֿרײַונג, 1861, איז אויך דאָס יאָר, ווען עס באַווײַזן זיך דאָ די ערשטע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, און זיכער איז דאָס ניט קיין צופֿאַל. נאָך אין דער צווייטער העלפֿט 50ער יאָרן האָבן זיך געשאַפֿן די ערשטע געהיימע סטודענטישע קרײַזלעך: די גרופּעס „ווערטעפּניקי", „ביבליאָטעק פֿון קאַזאַנער סטודענטן" אין מאָסקווע און „בעקמאַנס קרײַזל"—אין כאַרקאָוו. אָבער דאָס זײַנען געווען גיכער קולטורטרעגערישע אָרגאַניזאַציעס איידער רעוואָלוציאָנערע און זיי האָבן געדינט ווי אַ פּראָלאָג צו די געשעענישן פֿון 1861, דעם יאָר פֿון אומרו און אָפּגענאַרטע האָפֿענונגען. האַרבסט 1861 ברעכן אויס אין פּעטערבורג די ערשטע גרויסע סטודענטישע אומאָרדנונגען אין רוסלאַנד, וואָס טראָגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער; זיי וואַרפֿן זיך באַלד אַריבער אין די אַנדערע אוניווערסיטעטן.[18] אין פּעטערבורג בילדן זיך אין דעם זעלביקן יאָר עטלעכע רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך. אייגנטלעך זײַנען עס קליינע און שוואַכע גרופּעס, וואָס טראָגן אַן עפּיזאָדישן כאַראַקטער. די ערשטע באַקאַנטע גרופּע, דער „וועליקאָרוס" (לויטן נאָמען פֿון איר אָרגאַן), איז די מעסיקסטע צווישן זיי: זי פֿאָדערט צו פֿאַר-טיילן די גאַנצע ערד צווישן די פּויערים, אָבער זי איז קעגן שאַרפֿע רעוואָלוציאָנערע מעטאָדן און לייגט אַפֿילו פֿאָר צו ווענדן זיך מיט אַן אַדרעס צום צאַר און פֿאָדערן אַ פּאַרלאַמענט פֿון פֿאָלקס-דעפּוטאַטן („זעמסקאַיאַ דומאַ"). בראָש פֿון „וועליקאָרוס" שטייען דער אָפֿיצער אָברוטשאָוו און די ברידער סערנאָ-סאָלאָוויאָוויטש, וואָס האָבן בכלל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין די רעוואָלוציאָנערע פּרוּוון פֿון די 60ער יאָרן, און אַ נאָענטע שײַכות צו זיי האָט אויך טשערנישעווסקי, דער אומאָפֿיציעלער אָנפֿירער און פּראָטעקטאָר פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אָנהייב פֿון די 60ער יאָרן.[19] אַ מער ראַדיקאַלן כאַראַקטער טראָגט די גרופּע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פֿונעם באַקאַנטן פּאָעט מיכאַילאָוו[20] און דעם שרײַבער שעלגונאָוו; אין זייער פּראָקלאַמאַציע

---

18 סטודענטישע אומרוען זײַנען פֿאָרגעקומען אויך פֿריִער, די ערשטע — אין 1857—1858 אין קיִעוו און כאַרקאָוו, אָבער פֿון אַ סך אַ קלענערן מאַסשטאַב און אָן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער.

19 די געשיכטע פֿון Великорусс, ווי בכלל די באַוועגונג אין די 60ער יאָרן, איז אין פֿאַרגלײַך מיט די 70ער אַ סך ווייניקער אויסגעפֿאָרשט; אין די אַרכיוון זײַנען פֿאַרבליבן זייער ווייניק שפּורן; זע: ב. באַזילעווסקי (באָגוטשאַרסקי), Материалы для истории рев. движения в России в 60-х гг.; מ. לעמקע, דער פּראָצעס פֿון „וועליקאָרוס", אין Былое יולי 1906; ו. בורצעוו, За 100 лет (לאָנדאָן 1897), ז' 35; ל. פּאַנטעלעיעוו, Из воспоминаний прошлого (זוכצעטל), מאָסקווע 1934; זע אויך די געשיכטע פֿון דער רוס' רעוואָלוציע פֿון לודוויק קולטשיצקי אין דײַטש (גאָטאַ 1910), ב' 1, ז' 324 א"ו. (קולטשיצקיס בוך איז אויך פֿאַראַן אין רוסיש, אָבער די דײַטשע אויסגאַבע, דריטע בענד, איז אַ סך אַן אויספֿירלעכערע).

20 מיכאַילאָוו איז באַקאַנט ווי אַ דיכטער און איבערזעצער פֿון היינע און בײַראָן.

„צום יונגן דור"[21] שטעלן זיי אַרויס אַ ריין סאָציאַליסטישע פּראָגראַם, וואָס שטיצט זיך אויף דער פֿויערשער „אָבשטשינע", און רופֿן שוין צו אַן אויפֿשטאַנד. די ביידע אָרגאַניזאַציעס זײַנען אײנעם זעלביקן יאָר אונטערגעגאַנגען, און גלײַך נאָך דעם טרעטן צו טיילווײַז די זעלביקע טוער צו שאַפֿן אַ נײַע אָרגאַניזאַציע, אַ פֿעסטערע, וואָס זאָל פֿאַראייניקן די באַזונדערע גרופּעס און אָנהייבן אַ סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע נעמט אָן דעם נאָמען (וואָס גערצען האָט פֿאָרגעלייגט) „זעמליאַ אי וואָליאַ" – ערד און פֿרײַהייט,[22] האָט עקסיסטירט ביז 1864. בראָש פֿון איר זײַנען געשטאַנען די ברידער סערנאָ-סאָלאָוויאָוויטש, סלעפּצאָוו, נ. אָברוטשאָוו, דער באַקאַנטער פּאָעט-סאַטיריקער קוראָטשקין און ניקאָלאַי אוטין. אַ נאָענטע שײַכות צו דער אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט טשערנישעווסקי און טיילווײַז דער דעמאָלט יונגער לאַווראָוו.

די רעוואָלוציאָנערע טעמפּעראַטור הייבט זיך אָבער העכער, און אַ טייל יוגנט איז ניט צופֿרידן מיט די אינטעליגענטיש-מעסיקע שטימונגען: דאָס איז די ווירקונג פֿון די סטיכישע בונטן אין דאָרף, אַן אָפּשײַן פֿון די שׂריפֿות און פֿאַרגאָסענעם בלוט. אַזוי דערשײַנט דעמאָלט אין גערצענס „קאָלאָקאָל" אַן אָפֿענער בריוו מיט אַ פֿאָרוואָרף די מעסיקע: „אַלעקסאַנדער דער צווייטער וועט באַלד באַווײַזן די ציין פֿון ניקאָלאַיען— שרײַבט דער אַנאָנימער מחבר פֿון בריוו, – אין פּאָליטיק איז ביטחון אַ גאָלדענע קייט, וואָס קען מגולגל ווערן אין תּפֿיסה-קייטן. נאָר די האַק קען אונדז ראַטעווען... אײַער „קאָלאָקאָל" דאַרף רופֿן ניט צו פֿרידלעכער תּפֿילה, נאָר צו אומרו... צו דער האַק רופֿט רוסלאַנד!"[23] אין 1862 אָרגאַניזירט זיך צום ערשטן מאָל אין רוסלאַנד די טעראָריסטישע און יאַקאָבינישע גרופּע „יונג רוסלאַנד", בראָש מיט די סטודענטן זײַטשנעווסקי און אַרגיראָפּולאָ. די האַק — דער סימבאָל פֿון פֿויערשער נקמה און אָנמעכטיקן צאָרן—ווערט דערהויבן צו אַ פּראָגראַם-אידעאָלאָגיע. „מיר וועלן אַרויסלאָזן איין געשריי — צו די העק!... און דעמאָלט שלאָג די צאַרישע פּאַרטיי אָן רחמנות, ווי זיי האָבן קיין רחמנות ניט אויף אונדז", ווערט געזאָגט אין דער פּראָקלאַמאַציע פֿון דער נײַער גרופּע. זי רופֿט אויסצוראָטן די צאַרישע פֿאַמיליע און

---

[21] К молодому поколению. די פּראָקלאַמאַציע (אייגנטלעך — אַ פּראָגראַם פֿון 12 זײַטן, מחבר — שעלגונאָוו) איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער דרוקערײַ פֿון „קאָלאָקאָל" אין לאָנדאָן. די ליטעראַטור זע חוץ די אויבן ציט' ווערק פֿון באַזילעווסקי, בורצעוו און קולטשיצקי, אויך דעם ביאָ-ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן פֿון די רעוו' טוער (אויסג' „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"), דעם באַנד 1, טייל 2, וועגן די 60ער יאָרן די ביאָגראַפֿיעס פֿון מ. מיכאַילאָוו און שעלגונאָוו.

[22] Земля и Воля – ניט צונויפֿמישן מיט דער צווייטער אָרגאַניזאַציע אונטער דעם אייגענעם נאָמען, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אָנהייב 1877 און איז אין דער ליטעראַטור אַ סך מער באַקאַנט (זע ווײַטער). די געשיכטע פֿון דער ערשטער „זעמליאַ אי וואָליאַ" אין די 60ער יאָרן איז נאָך ביז איצט ניט אָנגעשריבן; דער מער באַקאַנטער מקור איז דאָס ציט' בוך זכרונות פֿון פּאַנטעלעיעוו, אָבער מ. לעמקע האָט אין זײַנע אויספֿירלעכע הוספֿות צו גערצענס ווערק און בריוו, וואָס זײַנען אַרויס אונטער זײַן רעדאַקציע (А. И. Герцен, полное собрание сочинении и писем), דאָס בוך אַרונטערגעריסן; זע ב' 16, 1920, ז' 69–102; זע אויך די ציט' ווערק פֿון באַזילעווסקי, בורצעוו און קולטשיצקי (ב' 1, ז' 347 א"אַ). די „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט אַרויסגעלאָזט עטלעכע פּראָקלאַמאַציעס און צוויי נומערן פֿון איר אָרגאַן „סוואָבאָדאַ".

[23] מיר ציטירן לויטן בוך פֿון מ. באַלאַבאַנאָוו, Очерк истории рев. движения в России (לענינגראַד 1929), ז' 47; פֿאַרגל' אויך א. טון, געשיכטע פֿון דער רעוו' באַוועגונג אין רוסלאַנד (רוס' אויסגאַבע, זשענעווע 1903, הקדמה פֿון פּלעכאַנאָוו), ז' 13. אייניקע האַלטן טשערנישעווסקין פֿאַרן מחבר פֿון דעם בריוו, אָבער עס ליגט זיך מער אויפֿן שׂכל, אַז דער מחבר שטאַמט פֿון די רייען פֿון דער גרופּע „יונג רוסלאַנד" (זע ווײַטער).

פֿאַרכאַפּן די מאַכט, אויפֿהייבן „אַ בלוטיקע און אומברחמנותדיקע רעוואָלוציע, וואָס זאָל ראַדיקאַל ענדערן אַלע יסודות פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט", און איינפֿירן אַ פֿעדעראַטיווע רעפּובליק פֿון סאָציאַליסטישע קאָמונעס.[24] די גרופּע איז געווען זייער קליין און אָן השפּעה און איז באַלד אונטערגעגאַנגען, אָבער זי האָט איבערגעלאָזט שפּורן: פֿון איר האָט עס אישוטין־קאַראַקאָזאָווס קרייַזל געירשנט די אידעע פֿון טעראָר, און שפּעטער נעטשאַיעוו — די אידעע פֿון בלוטיקער פֿאָלקס־נקמה (די „האַק").

די רעגירונג האָט אָן באַזונדערע שוועריקייטן און אויך אָן שום רחמנות דערשטיקט די אַלע רעוואָלוציאָנערע פּרווון. דאָס האָט נאָר פֿאַרשאַרפֿט די שטימונג בייַ די איבערגעבליבענע. פֿון דער סטודענטישער גרופּע מיטן נאָמען „אָרגאַניזאַציע" האָט זיך אין 1865 אויסגעטיילט אישוטינס קרייַזל „דער גהינום" (Ад), מיט ריין טעראָריסטישע צוועקן: נקמה אין צאַר, דעם „הויפּט־פּאָמעשטשיק" וואָס האָט אָפּגענאַרט די פּויערים. דעם 4טן אַפּריל 1866 האָט דער מיטגליד פֿון דעם קרייַזל, דער יונגער סטודענט קאַראַקאָזאָוו, געשאָסן אויף אַלעקסאַנדער II און נאָר דורך אַ צופֿאַל ניט געטראָפֿן.[25]

דער ערשטער רוסישער טעראָריסט, וועלכער איז געקומען נקמה נעמען פֿאַרן פּויערים־פֿאָלק, האָט געשטאַמט פֿון דעם פּריווילעגירטן קלאַס, און אָפּגעראַטעוועט דעם צאַר פֿון זייַן האַנט האָט גראָד אַ פּויער, קאָמיסאַראָוו. קאַראַקאָזאָוו איז געווען אַ „דוואָריאַנין" (אַדלמאַן) און האָט באַצאָלט פֿאַר זייַן אַקט מיט תּליה, און דעם פּויער קאָמיסאַראָוו, וואָס האָט דעם צאַר געראַטעוועט, האָט מען דערהויבן דערפֿאַר צום אַדלשטאַנד.[26] דער פּשוטער המון האָט אויפֿן אָרט פֿון אַטענטאַט שיער ניט צעריסן קאַראַקאָזאָוון אויף שטיקער, און אַ פֿאַריאושטער האָט ער אַ געשריי געטאָן: „חמורים, דאָס איז דאָך פֿון אייַערט וועגן!"...

דאָס איז געווען די ערשטע טראַגעדיע פֿונעם „אַדלמאַן דעם בעל־תּשובֿה", וואָס האָט זיך אומזיסט מקריבֿ געווען פֿאַרן פֿאָלק. זיצנדיק אין אַלעקסעיעווער ראַוועלין (אין פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג) פֿאַר דער תּליה האָט קאַראַקאָזאָוו געשריבן צום צאַר אַזעלכע ווערטער: ...„מייַן גאַנץ לעבן ביזן סוף געהער דעם פֿאָלק... אויב איך וואָלט געהאַט הונדערט לעבנס און ניט איינעם און אויב דאָס פֿאָלק וואָלט געפֿאָדערט, אַז איך זאָל אַלע הונדערט לעבנס ברענגען אַ קרבן פֿאַרן וווּל פֿון פֿאָלק, שווער איך, מאַיעסטעט, בייַ אַלץ וואָס איז הייליק, אַז איך וואָלט אַפֿילו קיין איין מינוט ניט געשלאָגן זיך מיט דער דעה און דעם קרבן געבראַכט"...[27]

קאַראַקאָזאָווס אַקט האָט געהאַט אַ פֿאַרקערטע ווירקונג. די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, וואָס האָט גענומען פֿאַלן שוין נאָך דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון 1863, גייט

---

24 די ליטעראַטור וועגן „יונג רוסלאַנד" (Молодая Россия) זע, חוץ די דערמאָנטע אַלגעמיינע ווערק וועגן דער באַוועגונג אין די 60ער יאָרן, אויך: Голос Минувшего 1922, נו׳ 1, אַרט׳ פֿון אַלעקסעיעוו; Каторга и Ссылка נו׳ 66, 67 און 68 (1930), אַרט׳ פֿון ב. קאָזמין; זע אויך ביאָ־ביבליאָגראַפֿישער לעקסיקאָן, ב׳ I, טייל 2, ביאָגראַפֿיעס פֿון זייַטשנעווסקי און אַרגיראָפּולאָ.

25 די ליטעראַטור וועגן קאַראַקאָזאָווס אַטענטאַט איז אַ גאַנץ רייַכע: אין 1928 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער סטענאָגראַפֿישער באַריכט פֿון זייַן פּראָצעס (מאָסקווע), זע אויך: א. שילאָוו ס בוך וועגן דעם אַטענטאַט, מאָסקווע 1920, צוויי בענד; זע אויך זייַן אַרט׳ אין Красный Архив ב׳ 17 (1926); די איבעריקע ליטעראַטור איז אָנגעוויזן אין ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן, ב׳ 1 טייל 2, צו די ביאָגראַפֿיעס פֿון קאַראַקאָזאָוון און אישוטינען.

26 זע די זיכרונות וועגן עינין קאַראַקאָזאָוו פֿון פּ. ווייַנבערג אין "Былое„ 1907 (פּעטערבורג), נומ׳ 8, ז׳ 194 א״וו; פֿ״גל אויך די זכרונות פֿונעם אַדוואָקאַט סטאַסאָוו אין Былое 1906, נו׳ 4 ז׳ 276 א״וו, און דאָס ציט׳ בוך פֿון קולטשיצקי (דייַטש), ב׳ 1, ז׳ 464 א״וו.

27 אַרט׳ פֿון פּ. שטשעגאָלעוו וועגן קאַראַקאָזאָוון אין אַלעקסעיעווער ראַוועלין, אין ז״ב Музей Революции ב׳ 1 (פּעטראָגראַד 1923). ווו עס איז אויף ז׳ 15 אָפּגעדרוקט די פֿאַקסימילע פֿון דעם בריוו צום צאַר.

איצט נאָך מער באַרג אַראָפּ. דער טעראָריזם פֿאַרשווינדט אין רוסלאַנד אויף גאַנצע צען יאָר. עס קומט אויך אַ סוף צו די ליבעראַלע יאָרן. די צופֿעליקע מיטלויפֿערס פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿאַלן באַלד אָפּ, טייל ראַדיקאַלע סטודענטן ניכטערן זיך אויס און מאַכן קאַריערע. די פֿירער פֿון דער באַוועגונג קומען אום אויף קאַטאָרגע, אין די תּפֿיסות און אייניקע אויף דער תּליה. אישוטין גייט אַראָפּ פֿון זינען אויף דער קאַטאָרגע, קאַראַקאָזאָוו פֿאַר דער תּליה איז אויך כּמעט ניט בײַם זינען. אַזוי איז זיך נוקם אין די פּיאָנערן פֿון דער באַוועגונג די רעגירונג פֿון אַלעקסאַנדער II נאָך אין דער ערשטער אַזוי גערופֿענער „ליבעראַלער“ תּקופֿה.

קיין איינער פֿון די דאָזיקע פּיאָנערן דערגרייט ניט צו די 70ער יאָרן. אָבער זיי האָבן די ערשטע פֿאָרמולירט די רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס, וואָס שפּײַזן דעם נײַעם דור טוער אין די ווײַטערדיקע כּמעט צוויי יאָרצענדלינגער. לעת־עתּה איז עס מער טעאָריע און שטימונג ווי באַוועגונג, אָבער אין די 60ער יאָרן זײַנען געגעבן געוואָרן אַלע עלעמענטן, וואָס אַנטוויקלען זיך און בילדן דעם יסוד פֿון די פֿאַרשיידענע ריכטונגען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון די 70ער יאָרן. אין די 60ער איז דער איינציקער טרעגער פֿון דער באַוועגונג דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענט, דער „ראַזנאָטשינעץ“, געוויינטלעך דער יונגער סטודענט, וואָס פֿאַרבײַט דעם אַמאָליקן פֿרײַדענקערישן גוואַרדיע־אָפֿיצער און אַריסטאָקראַטישן מאַסאָן פֿון דעם דעקאַבריסטן־אויפֿשטאַנד 1825 און דעם שפּעטערדיקן „אַדלמאַן דעם בעל־תּשובֿה“, דעם אידעאַליכט און העגעליאַנער פֿון די 40ער יאָרן. די גרופּע אַקטיווע טוער איז ניט גרויס, אָבער גרויס איז איר אידעיִשע השפּעה אויף ברייטע קרײַזן פֿון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. די נײַע סאָציאַל־פֿאָלקיסטישע טעאָריעס, די ראַדיקאַלע זשורנאַליסטיק, די סאַטירישע ליטעראַטור, די ניהיליסטישע אידעען גרייטן צו נײַע קאַדערס רעוואָלוציאָנערן צווישן דער יוגנט. די אומצופֿרידנקייט מיט די האַלבע רעפֿאָרמעס, די אָפּגענאַרטע האָפֿענונג אין דער פֿאַרענטפֿערונג פֿון דער פּויערים־פֿראַגע און די פּאָליצייִשע רדיפֿות אויפֿן פֿרײַען געדאַנק וואַרפֿן זיך אַריבער אויך אויף אַנדערע קרײַזן פֿון דער רוסישער געזעלשאַפֿט.

גלײַכצײַטיק מיט דער ראַדיקאַלער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן דעם יונגן דור, די סטודענטן און „ראַזנאָטשינצעס“, באַווײַזט זיך אויך די ליבעראַלע אָפּאָזיציע צווישן דעם עלטערן דור, צווישן דער פּראָגרעסיווער פּראָפֿעסור, די לעגאַלע פּובליציסטן און די מער פּראָגרעסיווע עלעמענטן פֿון די דוואָריאַנעס (דעם אַדלשטאַנד). אין יענע יאָרן פֿון איבערבוי פֿונעם רוסישן מלוכה־אָרגאַניזם זײַנען זיי אויך אומצופֿרידן מיט דער האַלבער פּויערים־רעפֿאָרמע, מיטן איבערגעבליבענעם פּאָליצייִשן רעזשים און דער אומבאַגרענעצטער אַליינהערשאַפֿט און האָפֿן צו באַקומען פֿון אויבן קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס, אַ „זעמסקי סאָבאָר“, אַ במקום פֿון אַ פּאַרלאַמענט. אויך זיי געפֿינען זיך אונטער דער השפּעה פֿון גערצענס „קאָלאָקאָל“ און פֿון דער קריטיק אין דער לעגאַלער אָפּאָזיציאָנעלער זשורנאַליסטיק. די ליבעראַלן שאַפֿן ניט קיין באַוועגונג, אָבער פֿון צײַט צו צײַט הייבן זיי אויף זייער שטים; פֿון זייערע רייען קומען אויך אייניקע פּאָליטישע עמיגראַנטן (ווי למשל: פֿירשט פּיאָטער דאָלגאָרוקאָוו, אַ. גאָלאָווין א״אַ), וואָס דרוקן אין אויסלאַנד בראָשורעס קעגן דער רוסישער דעספּאָטיע. אָבער דאָס זײַנען יחידים; בדרך־כּלל גייען ניט די ליבעראַלן אויף קרבנות.

די לעגאַלע אָפּאָזיציע צווישן די דוואָריאַנעס, וואָס באַווײַזט זיך פֿון סוף די 50ער יאָרן און הייבט זיך אָן פֿון די טווערער פּריצים,[28] זאָגט עדות וועגן אַן אומצו־

---

28 אין 1859 האָבן די טווערער דוואָריאַנעס דערלאַנגט דעם צאַר אַן אַדרעס מיט אַ פּראָטעסט קעגן דעם רעגירונגס־פֿאַרבאָט צו באַהאַנדלען די פּויערים־פֿראַגע; זע: בורצעוו, За 100 лет, ז׳ 43 (2טער טייל); אויך דאָס בוך (קאָרניִלאָוו) Общественное движение при Александре II (פּאַריז 1905), ז׳ 52. שפּעטער מיט אַ יאָר האָבן אויך די דוואָריאַנעס פֿון וולאַדימירער גוב׳ דערלאַנגט אַן אָפּאָזיציאָנעלן אַדרעס.

פֿרידנקייט אין לאַנד, וואָס האָט אַרומגענומען אַפֿילו די פּריווילעגירטע שטאַנדן, די מער פּראָגרעסיווע פֿון זיי. באַלד נאָך דער דורכפֿירונג פֿון דער פּויערים-רעפֿאָרמע, אין 1862, האָבן די טווערער דוואָריאַנעס געשריבן אין זייער אַדרעס—אַ מין פּעטיציע, וואָס זיי האָבן דערלאַנגט צום צאַר—אָט וואָס: „דער מאַניפֿעסט פֿון 19טן פֿעברואַר האָט ניט באַפֿרײַט די פּויערים פֿון פּאַנשטשיזנע און האָט ניט אָפּגעשאַפֿט אַלע אומ-געזעצלעכקייטן, וואָס דער רעזשים פֿון לײַב-אייגנטום-רעכט האָט געשאַפֿן". „אײַער מאַיעסטעט! עס איז, לויט אונדזער מיינונג, אַ בלוטיקער חטא צו לעבן און באַנוצן זיך מיטן חסד פֿון סאָציאַלע פּריווילעגיעס אויפֿן חשבון פֿון אַנדערע שטאַנדן... איצט שטעלט דאָס אונדז [די דוואָריאַנעס] אין דער לאַגע פֿון פּאַראַזיטן, פֿון אַ לחלוטין אומנוציקן עלעמענט אינעם פֿאָטערלאַנד. מיר ווילן ניט מער זיך באַנוצן מיט אַזעלכע שענדלעכע פּריווילעגיעס". צום סוף פֿונעם אַדרעס לייגן פֿאָר די דוואָריאַנעס צונויפֿרופֿן אויסגעוויילטע פֿונעם גאַנצן לאַנד: „דאָס איז דער איינציקער מיטל צו פֿאַרענטפֿערן ריכטיק יענע פֿראַגעס, וואָס דער מאַניפֿעסט פֿונעם 19טן פֿעברואַר האָט געשטעלט, אָבער ניט פֿאַרענטפֿערט".[29] דער טאָן פֿונעם אַדרעס איז געווען אין גאַנצן אַ נײַער אין רוסלאַנד און ער האָט באַפֿרידיקט אַפֿילו אַזעלכע ראַדיקאַלן ווי טשערנישעווסקי און זײַנע חברים.

דער חלום וועגן אַ קאָנסטיטוציע, כאָטש זייער אַ מעסיקער, הערט ניט אויף אויך שפּעטער. אַזוי האָבן די מאָסקווער דוואָריאַנעס אין 1865 אָנגענומען אַן אַדרעס צום צאַר, אין זייער אַן אונטערטעניקן טאָן, מיט דער בקשה „צו פֿאַרענדיקן דעם געשאַפֿענעם מלוכה-בנין דורך צונויפֿרופֿן אויסגעוויילטע מענטשן פֿון רוסישן לאַנד, בכדי צו באַהאַנדלען די פֿראַגעס, וואָס זײַנען נוגע דער גאַנצער מלוכה". אָבער אַפֿילו דער דאָזיקער פֿאָרזיכטיקער אַדרעס האָט אַרויסגערופֿן בײַ אַלעקסאַנדער II אַן אויפֿרעגונג און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אים אָנצונעמען.[30] נאָך קאַראַקאָזאָווס אַטענטאַט ווערן די ליבעראַלן אַנטשוויגן, אָבער פֿון אָנהייב די 70ער יאָרן מערקט זיך ווידער אַ געוויסע אויפֿלעבונג. די מאָסקווער שטאָטדומע נעמט אָן אין 1870 אַן אַדרעס צום צאַר, אַז דאָס לאַנד וואַרט אויף פֿרײַהייט פֿון מיינונגען און געדרוקטן וואָרט, אויף פֿרײַהייט פֿון געוויסן און אויפֿן „צוטרוי פֿון צאַר צו זײַן פֿאָלק", אויף אַ „קעגנזײַטיקן בונד צווישן צאַר און פֿאָלק".[31] אויך דעם דאָזיקן זייער מעסיקן אַדרעס האָט אַלעקסאַנדער II אומגעקערט צוריק מחמת זײַן „חוצפּהדיקייט". נאָך דעם ווערן די ליבעראַלע האָפֿענונגען פֿאַרשוווּנדן כמעט אויף צען יאָר און ערשט נאָך דער רוסיש-טערקישער מלחמה שווימען זיי ווידער אויף. עס גרינדעט זיך אַ ליבעראַלע אָרגאַניזאַציע „זעמסקי סאָיוז", וואָס האָט אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר באַראַטונגען און פּרוווט אַפֿילו פֿירן פֿאַרהאַנדלונגען מיט די רעוואָלוציאָנערן וועגן אָפּשטעלן דעם טעראָר, מיט דער האָפֿענונג, אַז די רעגירונג וועט מרוצה ווערן אויף געוויסע קאָנסטיטוציאָנעלע רעפֿאָרמעס. אין 1878 איז די כאַרקאָווער „זעמסטווע" אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַדרעס אינעם דאָזיקן גײַסט; גלײַך נאָך דעם האָט די טשערניגאָווער „זעמסטווע" אָנגענומען נאָך אַ סך אַ שאַרפֿערן צד״עס, אין וועלכן עס ווערט קלאָר אָנגעוויזן, אַז אין רוסלאַנד פֿעלט פֿרײַהייט פֿון וואָרט, פֿרײַהייט פֿון וויסנשאַפֿט, „עס פֿעלט דער געפֿיל פֿון געזעצלעכקייט", „די געזעלשאַפֿטלעכע

---

29 זע בורצעוו, דצ״וו, ז׳ 61 (1טער טייל), ווו דער אַדרעס איז אָפּגעדרוקט; אויספֿירלעכער זע אינעם ציט׳ ווערק פֿון קאָרנילאָוו, ז׳ 91 א״וו.

30 פֿון קאָרנילאָוו, 13—134.

31 דאָרטן, ז׳ 147; דער אַדרעס איז אויסגעהאַלטן אין אַ ריין סלאַוואָפֿילישן גײַסט, זײַן הויפּט-מחבר איז געווען דער סלאַוואָפֿילישער טעאָרעטיקער א. אַקסאַקאָוו; וועגן אַ קאָנסטיטוציע ווערט אין אים ניט דערמאָנט.

מיינונג עקסיסטירט ניט, מחמת עס פֿעלט איר אויסדריק-אָרגאַן" (געמיינט אַ פּאַרלאַמענט).[32] מיט אַן ענלעכער דערקלערונג איז אויך אַרויסגעטראָטן די טווערער „זעמסטווע". אָבער די רעגירונג איז גיך פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער ליבעראַלער באַוועגונג: די זשאַנדאַרמען האָבן ניט דערלאָזט די טשערניגאָווער ליבעראַלן אָנצונעמען עפּנטלעך דעם אַדרעס, איינִיקע פֿירער (בראָש מיט פּעטרונקעוויטשן) זײַנען אַרעסטירט געוואָרן; אויף די ליבעראַלע פֿאָדערונגען האָט זי געענטפֿערט מיט גרינדן אין 1880 די „העכסטע קאָמיסיע", וואָס האָט מיט נאָך שטרענגערע מיטלען געדאַרפֿט באַקעמפֿן די רעוואָלוציאָנערע און אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונג, און מיט באַשטימען גראַף לאָריס-מעליקאָוון פֿאַרן מיליטעריש-פּאָליצײַישן דיקטאַטאָר פֿון לאַנד.

די פּאָליטישע אומצופֿרידנקייט אַנטוויקלט זיך אין יענע יאָרן אויך צווישן דער ניט-רוסישער באַפֿעלקערונג פֿון לאַנד, באַזונדערס אין די פּוילישע גובערניעס. צווישן דער רוסישער אינטעליגענץ האָט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פֿון אָנהייב אָן אָנגענומען אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער, צווישן די רוסישע פּויערים — אַ סאָציאַל-עקאָנאָמישן; אין יענע טיילן אָבער פֿון רוסלאַנד, ווו עס קומט נאָך צו נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע אונטערדריקונג, דאָרט נעמט אָן די אַנטיצאַרישע באַוועגונג אַ סך אַ ברייטערן און שאַרפֿערן כאַראַקטער. אין פּוילן ברעכט אויס אין 1863 דער אויפֿשטאַנד, און הגם ער קער זיך גאָרניט אָן מיט סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע, רופֿט ער אַרויס בײַ די רוסישע סאָציאַליסטן, און ניט נאָר בײַ די רוסישע, אַ באַגײַסטערונג און פֿאַרנעמט דעם צענטראַלן אָרט אין זייערע פּאָליטישע האָפֿענונגען. ער ווערט אונטערגעשטיצט פֿון באַקונינען און גערצענען; פֿאַר דער דאָזיקער שטעלונג זײַנער פֿאַרלירט אַפֿילו גערצען די סימפּאַטיעס פֿון די ליבעראַלע קרײַזן אין רוסלאַנד, וואָס זײַנען קעגן דעם אויפֿשטאַנד.[33] אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צום אויפֿשטאַנד האָט אויך טשערנישעווסקי. די „זעמליאַ אי וואָליאַ" פֿאַרבינדט זיך מיט די פּוילישע אינסורגענטן. דער אויפֿשטאַנד ווערט אויך באַגריסט פֿון מאַרקסן און גאַריבאַלדין; ענגעלס האָט שפּעטער געשריבן, אַז „די באַפֿרײַונג פֿון פּוילן און די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד זײַנען צוויי געשעענישן, וואָס הענגען אָפּ איינע פֿון דער אַנדערער".[34] אויך צווישן די אוקראַיִנער מערקט זיך אין אָנהייב פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צײַטן אַ געוויסע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס איז נאָך אָבער זייער שוואַך. צווישן דעם כאַרקאָווער סטודענטישן קרײַזל סוף די 50ער יאָרן (דאָס אַ"ג „בעקמאַנס קרײַזל") געהערן אַ פּאָר מיטגלידער צו די אוקראַיִנאָפֿילן און בײַ איינעם פֿון זיי, בײַ מוראַווסקין, געפֿינט מען אין 1860 בעתן אַרעסט אַ געשריבענע פּראָקלאַמאַציע „צום אוקראַיִנישן פֿאָלק".[35] עס בילדעט זיך דעמאָלט די האַלבלעגאַלע אוקראַיִנישע „אַלטע הראָמאַדע", וואָס אַנטוויקלט זיך שפּעטער, אין די 70ער יאָרן, צו אַ פֿאַרצווײַגטער אָרגאַניזאַציע.[36] אין 1863 הייבן זיך אָן סיסטעמאַטישע רדיפֿות אויף דער אוקראַיִנישער קולטור — אויף דער ליטעראַטור, שפּראַך,

---

32 דאָרטן, ז' 183—186; אויך בורצעוו, ז' 143 (1טער טייל), ווו דער אַדרעס איז אָפּגעדרוקט. דער איניציאַטאָר, א. פּעטרונקעוויטש, איינער פֿון די אָנגעזעענסטע רוסישע ליבעראַלן, איז דערפֿאַר פֿאַרשיקט געוואָרן.

33 קאָרנילאָוו, דצ"ווי, — קאַפּ' 13 און 16.

34 די שטעלונג צום פּוילישן אויפֿשטאַנד פֿון 1863 ווערט באַרירט אין אַ ריי רוסישע מקורים; זע: די מאָנאָגראַפֿיע וועגן דראַגאָמאַנאָוון פֿון ד. זאַסלאַווסקי (מאָסקווע 1934), קאַפּ' 3; מ. לעמקעס הוספֿות צו זײַן ציט' אויסגאַבע פֿון גערצענס ווערק און בריוו, ב' 16, ז' 69 א"וו (וועגן דער „זעמליאַ אי וואָליאַ"); קאָרנילאָוו, די ציט' קאַפּיטלען. די פֿראַגע איז אויך אויסגעפֿאָרשט אין דער פּוילישער ליטעראַטור, פֿ"גל דאָס לעצטע ווערק פֿון יאַן קוכאַזשעווסקי, Od białego caratu do czerwonego, ב' 4.

35 ד. זאַסלאַווסקיס מאָנאָגראַפֿיע וועגן דראַגאָמאַנאָוון, ז' 36.

36 דאָרטן, קאַפּ' 4.

אַפּילו מוזיק און עטנאָגראַפּישע פאָרשונגען.[37] עס װײַזן זיך אויך די ערשטע רעװאָלוציאָנערע גרופּעס אויף קאַװקאַז — „יונג גרוזיע“ און „יונג אַרמעניע“. אין 1865 קומען פאָר צװישן זיי אַרעסטן;[38] עס װערן אַרעסטירט דער באַרימטער אַרמענישער פּאָעט נאַבאַלדיאַן, די גרוזינישע טוער ניקאָלאַדזע, דזשאַפּאַרידזע און אַנדערע. אַ שאַרפֿע אומצופרידנקייט מערקט זיך אויך צװישן די רוסישע סעקטאַנטן, געװענדט קעגן דער רעגירונג און דער אָפּיציעלער קירך. נאָך אין ניקאָלײַס צײַטן, אין 1843, ברעכט אויס אַן ערנסטער בונט צװישן די „ראַסקאָלניקעס“ אין סיביר (אין יעניסייער געגנט), אין װעלכן ס׳באַטייליקן זיך 22 טויזנט סעקטאַנטן.[39] אין 1844 קומען פאָר אומרוען צװישן די פּויערים־סעקטאַנטן (די „מאָלאָקאַנער“) אין טאַמבאָװער גובערניע. איצט, אין די צײַטן פֿון אַלעקסאַנדער II, שפּײַזן זיך אָפּ די רעװאָלוציאָנערן, װאָס זײַנען אַלײן דורכויס אַטעיִסטן, מיט די בונטאַרישע שטימונגען צװישן די סעקטאַנטן װי אַ מקור פֿון פּאָלקסצאָרן. שפּעטער, אין 1868, אַנטדעקט די פּאָליציי אין מאָסקװע גופֿא אַ געהיימע דרוקערײַ פֿון די „אַלטגלויביקע.“[40]

װען מען טראַגט אַריבער דעם בליק פֿון די אַלע טײלן רוסלאַנד אויף דעם יידישן תּחום, זעט מען לחלוטין אַן אַנדער בילד. גראָד דאָ, װו ניקאָלאַי האָט פֿאַרפּײַניקט די ייִדישע מאַסע אין משך פֿון 30 יאָר מיט זײַנע אוקאַזן און װו די רעפֿאָרמעס פֿון אַלעקסאַנדער II האָבן נאָר אָפּגעבראָכן די שאַרפֿע שפּיצן פֿון דער אַלטער פּאָליטיק, װו דער ייִדישער דלות און די סאָציאַלע װוּנדן זײַנען ניט קלענער געװאָרן, נאָר גרעסער און װייטאָגדיקער,—גראָד דאָ מערקן מיר ניט קיין שום סימנים פֿון אָרגאַניזירטער פּאָליטישער אָפּאָזיציע, אַפּילו ניט פֿון אַ ליבעראַלער און מעסיקער. דער אונטערשייד אין די שטימונגען בײַ דער ניט־ייִדישער געזעלשאַפֿט און בײַ דער ייִדישער װאַרפֿט זיך אין די אויגן. די ליבעראַלע רעפֿאָרמעס און די פֿרײַערע פּאָליטישע לופֿט נאָכן פֿינצטערן רעזשים פֿון ניקאָלאַי I האָבן אין דער ניט־ייִדישער געזעלשאַפֿט ניט אַרויסגערופֿן קיין באַרויִקונג און זײַנען להיפּוך געװאָרן אַן אויסגאַנגפּונקט פֿאַר אַן אָפּאָזיציאָנעלער און רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג אין לאַנד. בײַ ייִדן אָבער איז דער פּראָצעס געגאַנגען פֿאַרקערט: ייִדן האָבן די נײַע תּקופֿה אויפֿגענומען װי די „גאָלדענע צײַט“, און אַלעקסאַנדער II איז פֿאַרװיגט געװאָרן װי אַ מלך של חסד, װי אַן אויסלייזער. דאָ האָט געװירקט די דורות־לאַנגע דערשלאָגנקייט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, איר אָפּגעריסנקייט פֿון אַרומיקן לעבן, איר לאַגע פֿון אַ קליינעם מיעוט אין אַ פֿרעמדן ים, צעבראָקלט צװישן שטעט און שטעטלעך, סאָציאַל און פּאָליטיש אָנמעכטיק, װאָס איז היסטאָריש געװען צוגעװוינט אָפּצושאַצן דערשײַנונגען רעלאַטיװ און ניט לאָזן זיך אין ריזיקאַלישע קאַמפֿן. עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז דאָ האָט אין אַ גרויסער מאָס אויך געװירקט דער אומשטאַנד, װאָס צװיי נײַ אויפֿגעקומענע און זייער אויטאָריטעטע סאָציאַלע שיכטן בײַם רוסישן ייִדנטום, װי מיר װעלן דאָס זען שפּעטער, די גרויסע גבֿירים פֿון מאָדערנעם שניט און די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, האָבן זיך דערפֿילט אין גאַנצן באַפֿרידיקט און אָנגעזעטיקט מיט די רעכט, װאָס זיי האָבן באַקומען פֿון די הענט פֿונעם רעזשים, און האָבן געשאַפֿן אַ פֿעסטע אידעאָלאָגיע פֿון געטרײַער אונטערטעניקייט און פּאַטריאָטיזם, אַרויפֿלייגנדיק זייער שטעמפּל אויף די אַלגעמיין־ייִדישע שטימונגען.

---

[37] דאָרטן, ז׳ 90. שפּעטער, אין 1876, װערט דורך אַ געהיימען צירקולאַר פֿאַרװערט אין גאַנצן די אוקראַיִנישע ליטעראַטור, זע ז׳ 138.

[38] Колокол 1865, נו׳ 97.

[39] זע דאָס ציט׳ בוך פֿון ג. קוקלין (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער רעװ׳ באַװעגונג; רוס׳), קאַפּ׳ װעגן די פּויערים־אויפֿשטאַנדן, ז׳ 259 א״װ.

[40] בורצעװ, За 100 лет, ז׳ 73 (2טער טייל).

די עטלעכע ליבעראַלע רעפֿאָרמעס פֿאַר ייִדן זײַנען געווען געוויס גאָר קלענערן באַטײַט, ווי די באמת גרינדלעכע רעפֿאָרמעס, וואָס זײַנען אײַנגעפֿירט געוואָרן אינעם אַלגעמיינעם רוסישן לעבן. די אָפּשאַפֿונג פֿון לײַבקנעכטשאַפֿט פֿאַר איבער צוויי צענדליגג מיליאָן פּויערים, די אָפּשאַפֿונג פֿון לײַבשטראָף, די אָפּשוואַכונג פֿון ניקאָלאַיס קאַטאָרזשנער צענזור, די אײַנפֿירונג פֿון „זעמסטוועס", די אָפֿענע טירן פֿאַר בילדונג, די געריכט-רעפֿאָרמע און דער אינסטיטוט פֿאַר געשוווירענע ריכטער וכדומה האָבן זיך זיכער געקענט פֿאַרגלײַכן מיט די ישועות פֿאַר ייִדן: מיט דער אָפּשאַפֿונג פֿון דער קאַנטאָניסטן-כאַפּערײַ, מיט דער אָפּשוואַכונג פֿון רעקרוטשינע, מיט צולאָזן ייִדן אין די אַלגעמיינע שולן, מיט די „פּראַוועס" פֿאַרן דינינקן שיכט ייִדן מיט הויכער בילדונג און סוחרים פֿון ערשטער גילדיע. אָבער אָט דאָס ביסעלע, וואָס ייִדן האָבן באַקומען, האָט געמאַכט פֿול זייער האַרץ מיט ביטחון און אמונה אין דער נײַער רעגירונג, וועלכע איז שוין גוט געווען דערמיט, וואָס זי טראַכט ניט אויס קיין נײַע גזירות און לאָזט אָפּאָטעמען. און די ייִדישע פֿירער און אינטעליגענץ האָבן די דאָזיקע געפֿילן פֿאַר-וואַנדלט אין ענטוזיאַזם פֿון פּאַטריאָטישער דאַנקבאַרקייט פֿאַר די חסדים פֿון אויבן. אַזוי איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין יענע יאָרן געוואָרן, צום אונטערשייד פֿון די אַנדערע באַפֿעלקערונגס-טיילן אין רוסלאַנד, די סאַמע אונטערטעניקע און לאָיאַלע.

דעם טאָן האָט געגעבן דער ייִדישער „ראַזנאָטשינעץ", דער אינטעליגענט. „געלויבט איז דער אייבערשטער, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו לעבן אין אַזאַ צײַט", האָט פּאַטריאָטיש געשריבן דער ערשטער רוסיש-ייִדישער אָרגאַן „ראַזסוועט", וועלכער האָט גוט געקענט די לאַגע און האָט אַליין ניט ווייניק געקעמפֿט פֿאַר אויסברייטערן די ייִדישע רעכט.[41] אַן אַנדער רוסיש-ייִדישער אָרגאַן, וואָס איז אַרויסגעטראָטן פֿאַר אײַנפֿירן ביד חזקה די רוסישע שפּראַך אין ייִדישן לעבן, האָט געשריבן: שוין צײַט צו פֿאַרבײַטן דעם ייִדישן „זשאַרגאָן" מיט רוסיש — „מיט יענער שפּראַך, אין וועלכער אונדזער אַלערהערשנדיקער מאָנאַרך דריקט אויס זײַן גענאָד און אין וועלכער עס זײַנען געשריבן די געזעצן פֿון אונדזער פֿאָטערלאַנד... ניט וואַרטנדיק אויף די גערעכטע פֿאָרווּרפֿן פֿון אונדזערע רוסישע מיטבירגער און דער אויפֿרעגונג פֿון דער רעגירונג פֿאַר אונדזער גלײַכגילטיקייט צו אירע חסדים".[42] ניט קיין קלענערע פּאַטריאָטישע התלהבֿות האָט אַרויסגעוויזן דער העברעיִשער „המליץ", וואָס האָט זיך געשטעלט דירעקט די אויפֿגאַבע „צו זײַן דער פֿאַרמיטלער צווישן דער רעגירונג און די ייִדן". עס איז ניט געווען בלויז פּשוטע חניפֿה, ווען די ווילנער קהילה האָט אין סעפּטעמבער 1862 אין איר פּאַטריאָטישער באַגריסונג דעם צאַר, אין פֿאַרבינדונג מיטן טויזנטיאָריקן יובֿל פֿון רוסלאַנד, געשריבן וועגן אירע אונטערטעניקסטע געפֿילן: „די לעצטע אַכט יאָר זײַנען פֿאַר אונדז, רוסישע ייִדן, די ס אַ מ ע ג ל י ק ל ע כ ס ט ע אין א ו נ ד ז ע ר ג ע ש י כ ט ע"...[43]

די פּאַטריאָטישע שטימונגען פֿון דער משׂכּילישער אינטעליגענץ פֿאַרשטאַרקן זיך באַזונדערט נאָכן פּוילישן אויפֿשטאַנד און זײַנען ענג פֿאַרבונדן מיט דער רוסיפֿיקאַטאָרישער פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג אין די צפֿון-מע רבֿדיקעגובערניעס. ל. לעוואַנדע לייגט אַרײַן אין מויל פֿון זײַן העלד אַרקאַדי סאַרין, אין זײַן באַקאַנטן ראָמאַן „די

---

41 מיר ציטירן לויטן אַרט' פֿון ס אָ ס י ס, אין Евр. Старина 1914, ז' 188.

42 Приложение к Гакармелю 1865, נר' 29, לייטאַרטיקל; זע אויך אונדזער געשיכטע פֿון מפיצי השׂכּלה, ז' 70.

43 ציט' לויטן אַרט' פֿון ס אָ ס י ס, ז' 344 (איבערגעדרוקט פֿון דער רוס' „בײַלאַגע צום הכרמל" 1862, נר' 13).

הייסע צײַט",[44] די ווערטער: „מיר דאָ (אין ווילנע) האָבן באַשלאָסן צו גיין רעכטס, צושטיין צו מאָסקווע. אונדז ציט אַהין דער אינסטינקט, דער ישובֿ-הדעת און ענדלעך דער געפֿיל פֿון דאַנקבאַרקייט... דער צאַר ניקאָלאַי I איז פֿאַר אונדז ייִדן געווען אין אַ געוויסער מאָס דאָס, וואָס פּיאָטער דער גרויסער איז געווען פֿאַר די רוסן"... אין די דאָזיקע ווערטער ווערט בולט אויסגעדריקט די שטימונג פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין יענער צײַט, און איינער פֿון די רוסישע באַאַמטע, וואָס האָט געהאָלפֿן דעם באַקאַנטן מוראַוויאָוון אין זײַן פּאָליציייִשער רוסיפֿיקאַציע, שרײַבט טאָקע: „בעת מיר זײַנען געקומען אין דער מערבֿ-געגנט מיט דער פּאַן פֿון רוסיפֿיקאַציע, האָבן מיר ניט געפֿונען קיין בעסערן באַדן און קיין הייסערע מיטהעלפֿער, ווי די געבילדעטע ייִדן".[45] דער טאַלענטפֿולסטער צווישן דער נײַ-אויפֿגעקומענער ייִדישער אינטעליגענץ און דער מוטיקסטער פֿון זיי אין דער פֿאַרטיידיקונג פֿון ייִדישער עמאַנסיפּאַציע, דער פֿרי פֿאַרשטאָרבענער איליאַ אָרשאַנסקי, האָט סוף די 60ער יאָרן געשריבן פּאַטריאָטישע אַרטיקלען ניט ערגער פֿון די רוסישע פּאַטריאָטן. רעדנדיק וועגן דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1863 אין די צפֿון-מערבֿדיקע גובערניעס, האָט ער מיט שטאָלץ אָנגעוויזן, אַז ייִדן האָבן זיך געשטעלט אויפֿן צד פֿון דער „געזעצלעכער רעגירונג" און אַז די אַלגעמיינע אינטערעסן פֿון דער מלוכה זײַנען בילכער ווי די אינטערעסן פֿון איין טייל באַפֿעלקערונג: „מיטן גאַנצן האַרצן און אויפֿריכטיק ווילן מיר, פּונקט ווי די רעדאַקטאָרן פֿון אונדזערע פּאַטריאָטישע (רוסישע) צײַטונגען, אַז די מערבֿ-געגנט זאָל וואָס גיכער רוסיפֿיצירט ווערן". ער מאַכט אויפֿמערקזאַם די רעגירונג אויף דער פֿאַרשטאַרקונג פֿונעם דײַטשן עלעמענט אין די פּוילישע גובערניעס, וואָס איז געפֿערלעך „פֿאַר דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פֿון רוסלאַנד און פֿאַרן סלאַווענטום"...[46] מען דאַרף געדענקען, אַז די שטעלונג צום פּוילישן אויפֿשטאַנד איז דעמאָלט געווען דער פּרוווּשטיין: אויף דער פֿראַגע האָט זיך די רוסישע געזעלשאַפֿט געשפּאָלטן אין צוויי לאַגערן, אינעם ראַדיקאַל-רעוואָלוציאָנערן און קאָנסערוואַטיוו-רעאַקציאָנערן. די באַגײַסטערונג פֿאַר דער קולטור-רוסיפֿיקאַציע האָט בכן געבראַכט די ייִדישע אינטעליגענץ אינעם לאַגער פֿון דער פּאָליטישער רעאַקציע.

פּסיכאָלאָגיש לאָזט זיך דערקלערן, אַז נאָך די בײַטשן פֿון ניקאָלײַס גזירות איז די תּקופֿה פֿון אַלעקסאַנדער II אויפֿגענומען געוואָרן פֿון ייִדן ווי אַ גאולה. אין תּוך אָבער האָט זיך דער רעכטלעך-פּאָליטישער כּטאַטוס פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג ווייניק וואָס געענדערט און בכל אופֿן האָט ער ניט געגעבן קיין שום גרונד פֿאַר אַזאַ פּאַטריאָטישער התלהבֿות. אמת, דער אינסטיטוט פֿון קאַנטאָניסטן איז בטל געוואָרן, אָבער די ייִדישע קינדער, וואָס מ'האָט פֿריִער אַכזריותדיק אָפּגעריסן פֿון דער היים און מיט צוואַנג אָפּגעשמדט, האָבן אונטער אַ האַרבער שטראָף אויך איצט ניט געטאָרט זיך אומקערן צוריק צום ייִדנטום און צוריק צו זייערע היימען. די רעקרוטשינע איז פֿאַרבליבן ווי געווען, נאָר ייִדן האָבן געשלעפּט אירע קייטן אין דער זעלביקער מאָס ווי די איבעריקע באַפֿעלקערונג; אין 1874 איז דער אַלגעמיינער מיליטער-דינסט פֿאַרשפּרייט געוואָרן אויך אויף ייִדן, אָבער נאָר אין פֿרט פֿון צוואַנג און ניט פֿון רעכט. דער דלות צווישן דער ייִדישער מאַסע איז גראָד אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צײַטן, באַזונדערס אין די 60ער יאָרן, שרעקלעך אויסגעוואַקסן, מחמת ייִדן האָבן פֿאַרלאָרן אַלע אַלטע קוואַלן פֿון פּרנסה, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט דער עקאָנאָמיק פֿון לײַב-אייגנטום-רעכט (ייִדן-

---

44 Горячее время — האָט זיך געדרוקט אין Евр. Библиотека 1871—1874 און אין 1875 אַרויס אין אַ בוכפֿאָרם. דער ראָמאַן שילדערט די תּקופֿה פֿון פּוילישן אויפֿשטאַנד אין 1863 אין די מערבֿ-גובערניעס פֿון רוסלאַנד.

45 זע אונדזער געשיכטע פֿון מפֿיצי השׂכּלה, ז' 72.

46 זע די זאַמלונג פֿון זײַנע אַרטיקלען Евреи в России (פּעטערבורג 1877), ז' 282.

אַרענדאַטערס, פֿאַקטערס, ייִדן בײַם „אָטקופּ" און בײַ קליינע פּאָדריאַדן, ייִדן בעלי־עגלות ביז דער אַנטוויקלונג פֿון די אײַזנבאַנען וכדומה), און צו די נײַע האָבן זיי זיך נאָך ניט געהאַט צוגעשלאָגן, אָדער מען האָט זיי ניט צוגעלאָזט. די פֿאָרשער פֿון ייִדישן לעבן אין „תּחום" אין יענער תּקופֿה גיבן אַ בילד פֿון מוראדיקער נויט און פֿיזישן אונטערגאַנג. „סוכאָטע, האַרצקראַנקייטן, נערוון־פֿיבער, דיזענטעריע נעמען צו בײַ ייִדן אַ סך קרבנות, — פֿון די קראַנקע אויף סוכאָטע שטאַרבן אויס צוויי דריטל"; אין די שטעט פֿון גראָדנער גובערניע איז די שטאַרביקייט אַכט מאָל גרעסער, ווי אין די אויעזדן צווישן דער ניט־ייִדישער באַפֿעלקערונג — אַזוי ווערט דערציילט אין אַן אָפֿיציעלער אויספֿאָרשונג.[47] „אין לעבן פֿון די מערב־רוסישע ייִדן — פֿירט אונטער אַ סך־הכּל דער זעלביקער א. אָרשאַנסקי — מערקט זיך אַ סימפּטאָם פֿון אַ סאָציאַלער חולאת, וואָס רופֿט זיך אָן פּראָלעטאַריאַט: היימלאָזיקייט, וואַנדערונגען און אַרויסשיקונגען, טרויעריקע סאַניטאַרע לעבנס־תּנאים, און ווי אַ פּועל־יוצא דערפֿון — אַ גרויסע שטאַרביקייט, מאָראַלישע ירידה, ניט־באַצאָלטע שטײַערן און זייער נידעריקע פֿאַרדינסטן".[48] די שטיקענגיש אין „תּחום" איז פֿאַרבליבן כּמעט ווי געווען און דער גאַנצער קאָדעקס פֿון ייִדישער רעכטלאָזיקייט איז פֿאַר דער ברייטער מאַסע ניט געענדערט געוואָרן. פֿון די צענדליקער רעגירונגס־קאָמיטעטן און קאָמיסיעס, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אויסאַרבעטן ייִדישע רעפֿאָרם־פּראָיעקטן, איז דער ייִדישער מאַסע בעסער ניט געוואָרן. אין 1856 האָט דער פֿאָרזיצער פֿון „ייִדישן קאָמיטעט" גראַף קיסעלעוו געענטפֿערט אויף אַ השתּדלות, אַז פֿאַר דער ייִדישער מאַסע פֿאַרבלײַבן די איצטיקע באַגרענעצונגען אין זייער פֿולער קראַפֿט.[49] אין 1860 האָט אַלעקסאַנדער II באַזוכט ווילנע און דער גענ׳־גובערנאַטאָר נאַזימאָוו האָט אים צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום וועגן דער „מאַטעריעלער און מאָראַלישער ירידה פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג", און אָט וואָס ער שרײַבט דאָרט: „שווינדל איז געוואָרן דאָס לעבן־סיסטעם און דער לעבנסציל פֿונעם ייִדן", „דער ייִדישער קהל איז אַ פֿאַרברעכער־נעסט, וואָס דערמוטיקט צו כּל המינים אומגעזעצלעכקייטן,"[50] — און דאָס איז געשריבן געוואָרן אין דער בליצײַט פֿון דעם רעגירונגס־ליבעראַליזם. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די 60ער יאָרן בלײַבט שוין פֿון דעם „ליבעראַליזם" קיין זכר ניט, און ייִדן דערפֿילן דאָס מער ווי ווער ניט איז. דער אַנטיסעמיטיזם הייבט אויף דעם קאָפּ, ווײַל ער געפֿינט אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין די רעגירונגס־קרײַזן. בראַפֿמאַנס גיפֿטיק אַנטיסעמיטיש „בוך פֿון קהל" (1869 און 1871) ווערט אַרויסגעגעבן אויף רעגירונגס־געלט און אָנערקענט ווי אַ מין אָפֿיציעלער האַנטבוך בנוגע ייִדישע פֿראַגעס; אין 1871 ברעכט אויס דער פּאָגראָם אין אָדעס, סוף די 70ער יאָרן באַווײַזט זיך דער קוטאַיִסער בלוט־בילבול. די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט אין פֿלוג ניט געהאַט קיין שום יסוד צו זײַן אַזוי באַגײַסטערט פֿאַרן דאָזיקן רעזשים. די אידעאַליזאַציע פֿון דעם רעזשים קומט דער עיקר פֿון די קינדער פֿון השׂכּלה — פֿון די נײַ אויפֿגעקומענע גבירים און קאָמערסאַנטן אין די גרויסע שטעט און פֿון דער אינטעליגענץ, דאָס מיינט פֿון יענע צוויי שיכטן, וואָס האָבן באמת אַ סך געוווּנען פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס ליבעראַלע רעפֿאָרמעס. דער גילדיע־צענז און דער בילדונג־אַטעסטאַט האָט געבראַכט פֿאַר די רײַכע און דיפּלאָמירטע ברייטע

47 א. אָרשאַנסקי, Евреи в России, ז׳ 154. פֿ״גל אויך י. געסען, געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק אין רוסלאַנד (רוס׳, לענינגראַד 1927) ב׳ 2, ז׳ 161.

48 א. אָרשאַנסקי, ז׳ 155.

49 י. געסען, דצ״ווּ, ז׳ 143. אין יענער צײַט האָט די רעגירונג אַפֿילו פֿאַרווערט דער פּרעסע צו באַהאַנדלען די פֿראַגע פֿון ייִדישער עמאַנסיפּאַציע.

50 מאַטעריאַלן פֿון ארכיוו פֿון באַראָן גינצבורג (איצט בײַם ייִוואָ), רעפּאָרט פֿון אינטערן־מיניסטער און בילדונג־מיניסטער צום „ייִדישן קאָמיטעט" פֿון 22סטן פֿעברואַר 1861סטן נומ׳ 43, אין אָנהייב.

רעכט, געעפֿנט פֿאַר זיי גאַנץ רוסלאַנד, גרויסע מעגלעכקייטן און אַ חשובֿן אָרט אין דער געזעלשאַפֿט.

„פֿון דער אַלגעמיינער מאַסע יידישער באַפֿעלקערונג דאַרף מען אויסטיילן יענע פּערזאָנען, וואָס האָבן אַ חשיבות אַ דאַנק זייער רײַכקייט אָדער בילדונג", און נאָר זיי געבן רעכט — שרײַבט אין 1860 דער פֿאָרזיצער פֿון „יידישן קאָמיטעט" אין זײַן ראַפּאָרט צום צאַר, מיט וואָס דער צאַר איז אין גאַנצן מסכּים.[51] דאָס ווערט דער שטאַנדפּונקט פֿון דער רעגירונגס יידן-פּאָליטיק, און אין פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן טרעפֿן מיר אים אי פֿריער אי שפּעטער, ביזן סוף פֿון די 60ער יאָרן.[52] אָבער בײַם אַנאַליז פֿון די דאָקומענטן פֿון יענער צײַט זעען מיר, אַז דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט איר ממש אונטערגעזאָגט די גרופּע רײַכע יידישע שתּדלנים, בראָש מיט יוזל גינצבורגן פֿון פּעטערבורג, און אונטערגעשטיצט האָט אים די יונגע יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געריסן צו דיפּלאָמען און „פּראַוועס". אַזוי האָבן די פּעטערבורגער שתּדלנים אין 1856 צוגעשטעלט דעם צאַר אַ מעמאָראַנדום,[53] אין וועלכן זיי בעטן „אָפּטיילן די ווייץ פֿון דער פּאָלעווע" און געבן פֿאַרדינטע רעכט די „מער חשובֿע" און „געבילדעטע", די „אויסדערוויילטע" און ניט די „נידעריקע קלאַסן".[54] אין זעלביקן יאָר שרײַבט די דאָזיקע גרופּע שתּדלנים אין אַ מעמאָראַנדום צום בילדונג-מיניסטער, אַז „פֿון באַגרענעצונגען דאַרפֿן באַפֿרײַט ווערן יענע ווינציקע, וואָס האָבן באַרעכטיקט די צילן פֿון דער רעגירונג" און געוואָרן נוציק אַ דאַנק זייער בילדונג.[55] דעם זעלביקן קלאַסן-שטאַנדפּונקט האָט די גרופּע אויסגעדריקט אַפֿילו בנוגע אַזאַ גזירה, ווי די „ראַזריאַדן" נאָך צום סוף פֿון ניקאָלאַיס רעגירונג.[56] די יונגע אינטעליגענטן שטייען ניט אָפּ פֿון זיי. אין 1856 האָבן 34 יידישע סטודענטן פֿון פּעטערבורגער מעדיציניש-כירורגישער אַקאַדעמיע זיך געווענדט צום פֿאָרזיצער פֿון „יידישן קאָמיטעט" מיט אַ בקשה אָפּצושאַפֿן דעם פֿאַרבאָט וועגן אָננעמען געענדיקטע יידישע דאָקטוירים אויף רעגירונגס-שטעלעס און דערבײַ אַזוי געשריבן: „מיר האָבן די העזה צו בעטן רחמים בײַ אונדזער פֿאָטערלעכער רעגירונג ניט צונויפֿצומישן אונדז, וואָס מיר זײַנען דערצויגן געוואָרן אין זײַן גײַסט, מיט דער מאַסע פֿון אונדזער אומגליקלעכן פֿאָלק"... „עס איז אונדז ביטער, ווען מיר דערמאָנען זיך וועגן דעם אומגליק פֿון אונדזער אָפּשטאַם".[57] די דאָזיקע אַרגומענטאַציע פֿאַלט צונויף כּמעט אות באות מיט דער מיינונג, וואָס דער אַנטיסעמיטישער ווילנער גענ׳-גובערנאַטאָר נאַזימאָוו האָט אויסגעדריקט אין זײַן דערמאָנטן מעמאָראַנדום צום צאַר, אין 1860: „שענקען יידן בירגעררעכט בײַ זייער איצטיקן צושטאַנד וואָלט געהייסן אָנערקענען, אַז זיי האָבן פֿאַרדינט אַזאַ גענאָד, און דערמוטיקן זיי צו פֿאַרבלײַבן פּוסט-און-פּאַסטניקעס, פּאַקטערס".

---

51 זע אונדזער געשיכטע פֿון די מפֿיצי השׂכּלה, ז׳ 18.

52 זע אַ גאַנצע רײ בײַשפּילן אין אונדזער ציט׳ געשיכטע, אויך בײַ י. געסען ,דצ״וו, ז׳143 א״וו.

53 מאַטעריאַלן פֿון אַרכיוו פֿון באַראָן גינצבורג, מעמאָראַנדום פֿון יולי 1856 צו אַלעקסאַנדער II. זע אויך אונדזער געשיכטע פֿון מפֿיצי השׂכּלה, ז׳ 15; אַרט׳ פֿון י. געסען אין Пережитое ב׳ 1, ז׳ 153 א״וו.

54 אין אָריגינאַל: ...и отличая пшеницу от плевел... предоставить некоторые, умеренные впрочем, льготы достойнейшим, образованнейшим из нас.

55 דאָרטן, מאַפּע 32, מעמאָראַנדום פֿון סעפּטעמבער 1856.

56 זע די מעמאָראַנדומס פֿון יוזל גינצבורגס גרופּע צו ניקאָלאַי I און די מיניסטאָרן, וואָס מיר האָבן פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון באַראָן גינצבורגס אַרכיוו אין די „היסטאָרישע שריפֿטן" ב׳ I, ז׳ 779—788.

57 מאַטעריאַלן פֿון אַרכיוו פֿון באַראָן גינצבורג; מעמאָראַנדום צו גראַף קיסעלעוון פֿון מערץ 1856; זע אויך אונדזער ציט׳ געשיכטע, ז׳ 16. אין אָריגינאַל: ... Мы дерзаем молить наше отеческое Правительство не смешивать нас, воспитанных в его духе... с массою несчастного нашего племени, etc.

געשאַפן די לעגענדע וועגן דער „גאָלדענער צײַט“ פֿאַר ייִדן אונטער אַלעקסאַנדער II האָבן דער עיקר אָט די קינדער פֿון השׂכּלה. אמת, זייער אוטיליטאַריסטישע אַרגומענטאַציע איז געווען דורכויס אין גײַסט פֿון יענער צײַט, און די ייִדישע שתּדלנים האָבן אפֿשר געמיינט די טובה פֿון ייִדן, אָנווײַזנדיק זיי דעם שליסל, מיט וועלכן מ׳קען עפֿענען די טיר צו עמאַנסיפּאַציע, — דורך אַרײַנטרעטן אין די שול און ווערן „נוצלעך“ פֿאַר דער מלוכה. פֿון דעסט וועגן לאָזט זיך שוין צו אָפּן הערן אין זייערע רייד דער עגאָיִזם פֿון אַן אויסדערוויילטן שיכט. גראָד די אָרטאָדאָקסיע האָט זיך גאָר ניט געיאָגט נאָך עמאַנסיפּאַציע, פֿאַר וועלכער זי האָט מורא געהאַט נאָך דעם בײַשפּיל פֿון דעם מערבֿ-אייראָפּעיִשן ייִדנטום, און וואָס איז נוגע דעם ייִדישן מאַסנמענטש, וואָס האָט אָפּגע-אָטעמט פֿרײַער נאָך דעם רעזשים פֿון קאַנטאָניסטן און קינדער-שמד, איז ער געווען אַ מסתּפּק במועט, צופֿרידן מיטן ביסל ישועות, וואָס דער נײַער צאַר האָט געבראַכט, און מיט די ברייטע מעגלעכקייטן כאָטש פֿאַר אַ הײַפֿל ייִדן, וואָס זײַנען עולה לגדולה געוואָרן און געקענט אַ מאָל זאָגן אַ גוט וואָרט פֿאַר ייִדן. און דער עיקר איז אים געגאַנגען אין דעם, אַז די רעגירונג זאָל אים לאָזן צו רו.

אין ייִדישן „תּחום“ זײַנען געווען איבער געגנט הונגעריקע האַרעפּאַשנע, פּראָלע-טאַריזירטע און דעקלאַסירטע מענטשן, וואָס זײַנען געווען סאָציאַל פֿאַרשטויסן און פּאָליטיש דערדריקט, אָבער קיינער האָט זיי ניט אָנגעפֿירט. עס האָבן אויסגעפֿעלט די טרעגער פֿון רעוואָלוציאָנערער אָדער אַפֿילו ליבעראַלער אָפּאָזיציע. דער זשורנאַליסטישער קאַמף פֿאַר ייִדישער עמאַנסיפּאַציע, וואָס עס האָבן מוטיק געפֿירט די בעסערע פֿאַרשטייער פֿון דער רוסיש-ייִדישער אינטעליגענץ, ווי אָ. ראַבינאָוויטש און א. אָרשאַנסקי, האָט פֿאַרלאָרן אין זײַן מאָראַליש-פּאָליטישן ווערט, ווײַל מ׳האָט די עמאַנסיפּאַציע דערוואַרט ווי אַ חסד פֿון אויבן און אָנגעבאָטן דערפֿאַר אַסימילאַציע און אומבאַגרענעצטע לאָיאַליטעט און אונטערטעניקייט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

## II.

די ערשטע ייִדן-רעוואָלוציאָנערן אין די 60ער יאָרן. — ניקאָלאַי אוטין

בײַ דער פּאַטריאָטישער שטימונג, וואָס האָט געהערשט צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ אין דעם האָניק-חודש פֿון איר אַנטוויקלונג, האָט מען ניט געקענט זיך ריכטן, אַז זי זאָל שוין אין די 60ער יאָרן אויסטיילן פֿון זיך אַקטיווע רעוואָלוציאָנערע טוער. די ייִדישע יוגנט, וואָס איז אַרײַנגעטראָטן אין די אַלגעמיינע הויכשולן, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן באַהעפֿטן מיט דער רוסישער קולטור און שפּראַך און האָט ערשט דערפֿילט דעם טעם פֿון פּאָטערלאַנד. פֿון דעסט וועגן מערקט זיך שוין דעמאָלט אַ געוויסע ד י פֿ ע ר ע נ צ י אַ צ י ע אין די רייען פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ און עס בילדעט זיך אויס צווישן דער שטודיר-יוגנט אַ קליינע גרופּע, וואָס שטייט צו צום ראַדיקאַלן לאַגער. די גרופּע איז נאָך גאָר אַ קליינע, בסך-הכּל קען מען אָנציילן 17 פּערזאָן, אָבער ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז למשל אין 1865 איז די צאָל ייִדישע סטודענטן אין אַלע רוסישע אוניווערסיטעטן געווען ניט מער ווי 130 און 40 אין דער מעדיציניש-כירורגישער אַקאַדעמיע, איז די צאָל ייִדן-רעוואָלוציאָנערן גאָר ניט אַזוי קליין; קליין איז אָבער זייער ראָלע: זיי טיילן כּמעט ניט אויס קיין אַ ק ט י ו ו ע טוער, חוץ איינעם אָדער צוויי, די איבעריקע שפּילן אין דער באַוועגונג גאָר אַ קנאַפּע ראָלע.[58] און דאָס איז פֿאַרשטענדלעך: די געוועזענע ישיבֿה-בחורים און געקומענע פֿון

---

[58] די פּאָליטישע געשעענישן ס ו ף די 60ער יאָר — די סטודענטישע אומרוען און נעטשאַיעווס פּראָפּאַגאַנדע—געהערן לויט זייער נאַטור נאָך צו די 70ער יאָרן, און וועגן זיי וועט אונדז אויסקומען אויספֿירלעך צו רעדן אינעם ווײַטערדיקן קאַפּיטאַל.

די ראַבינער-שולן זײַנען נאָך רוי און ווייניק באַהאַוונט אין די ראַדיקאַלע אידעאָלאָגיעס, זיי נעמען ערשט שטודירן די דאָקטרינעס פֿון טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, פּיסאַרעוו און באַקונין; זיי איז נאָך פֿרעמד די אידעע פֿון פּויערשן סאָציאַליזם, די בונטאַריעקייט פֿון דאָרף, די רעליגיע פֿון די רוסישע „נאַראָדניקעס" און דער גײַסטיקער בונט פֿון „ניהיליזם."

דעם ערשטן אָנווײַז אויף אַ ייִדישן רעוואָלוציאָנער געפֿינען מיר אין דער ליטעראַטור נאָך אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס צײַטן; דאָס איז איינער ד"ר ראָבערט פֿײַנבערג, וואָס האָט געשטאַמט פֿון מיטאַווע, קורלאַנד. אָבער צו דער באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט ער קיין שום שײַכות ניט געהאַט,—ער איז געווען פֿאַרמישט אין דער דײַטשער רעוואָלוציע פֿון 1848, אין בערלין. די פּרײַסישע רעגירונג האָט אים אַרעסטירט און צוריקגעשיקט קיין רוסלאַנד, ווו ער איז פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע. שפּעטער, בעת מען האָט אין סיביר באַפֿרײַט אַ טייל פֿאַרשיקטע, האָט מען פֿײַנבערגן איבערגעלאָזט; פֿון צער איז ער אַראָפּ פֿון זינען און אין 1860 איז ער געשטאָרבן אין טאָבאָלסק.[59] דאָס איז אַלץ, וואָס איז באַקאַנט וועגן אָט דעם באמת ערשטן ייִד-רעוואָלוציאָנער פֿון רוסלאַנד, און דער עפּיזאָד וואַרט נאָך אויף זײַן אויספֿאָרשונג. אומקלאָרע אָנווײַזן זײַנען אויך פֿאַראַן וועגן דרײַ ייִדן, וואָס האָבן געהאַט עפּעס אַ שײַכות צו מאָסקווער קרײַזל „ווערטעפּניקי",[60] וואָס ווערט געהאַלטן פֿאַרן ערשטן געהיימען קרײַזל אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס תּקופֿה, אין דער צווייטער העלפֿט 50ער יאָרן; דאָס זײַנען יעקבֿ און באַריס צוקערמאַן און ד"ר יעקבֿ ראָזענבלום, פֿון מאָסקווער אוניווערסיטעט.[61] קיין פּרטים זײַנען ניט באַקאַנט, און די דאָזיקע נעמען טרעפֿן מיר שפּעטער ערגעץ ניט אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור.

מער באַשטימטע ידיעות האָבן מיר וועגן דעם אָנטייל פֿון צוויי ייִדישע סטודענטן אין כאַרקאָווער „בעקמאַנס קרײַזל", אויך אין דער צווייטער העלפֿט 50ער יאָרן, וועלכער שטעלט זיך שוין ריין רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבעס, אָבער פֿאַרנעמט זיך פּאַקטיש מיט קולטור-טרעגערישער אַרבעט צווישן דער שטאָטישער אָרעמשאַפֿט (אַ טייל מיטגלידער ווערן שפּעטער אין קיִעוו די גרינדער פֿון די ערשטע זונטאָגשולן פֿון „גראַמאָטאַ" אין רוסלאַנד דאָס קרײַזל טראָגט טיילווײַז אַן אוקראַינאָפֿילישן כאַראַקטער.[62] צו זײַנע

---

59 מ אַ ק ס י מ אָ ו, Сибирь и каторга ב׳3, ז׳ 38. דאָס בוך איז אַרויס אין 1871, אין דרײַ בענד, — אַ געניוע אויספֿאָרשונג פֿון די פֿאַרשיקטע אין סיביר און אויף די סיבירער קאַטאָרגעס, ניט נאָר פֿאַר פּאָליטישע פֿאַרברעכנס; מאַקסימאָוו, קאָנטיק אַ געוועזענער באַאַמטער, געהער צום קאָנסערוואַטיוון לאַגער, אָבער דאָס בוך איז געוויסנהאַפֿט געשריבן און דינט ווי דער וויכטיקסטער מקור פֿאַר דער תּקופֿה פֿון ניקאָלאַי I. אַיִנדז איז באַקאַנט, אַז וועגן פֿײַנבערגן און נאָך אייניקע (אָדער איינעם) רוסיש-ייִדישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין דײַטשלאַנד 1848, זײַנען פֿאַראַן אויך ידיעות אין אַ פּ ר י וו אַ ט ן אַ ר כ י וו; צום באַדויערן אָבער זײַנען זיי נאָך ביז איצט ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן.

60 Вертепники — וואָס דאַרף הייסן: מענטשן פֿון די הקדש-לעכער; מיט אַזאַ אויסטערלישן נאָמען האָבן זיך גערופֿן די מיטגלידער פֿון דעם קרײַזל. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט שטודירן די סאָציאַלע טעאָריעס פֿון מערבֿ-אייראָפּע און רוסלאַנד און האָבן געהאַט עפּעס פֿאַרבינדונגען מיט די סעקטאַנטן. בראָש זײַנען געשטאַנען סווירידענקאָ און די סטודענטן ריבניקאָוו און קאָזלאָוו; אינעם קרײַזל זײַנען געווען אַרײַנגעצויגן ביז 50 פּערזאָן, צווישן זיי אַפֿילו די שפּעטער באַקאַנטע סלאַוואָפֿילן כאָמיאַקאָוו און אַקסאַקאָוו, בכלל אַ סך שפּעטער באַקאַנט געוואָרענע געלערנטע און טוער. די געשיכטע פֿון דעם קרײַזל איז כמעט ווי ניט אויסגעפֿאָרשט. (זע די ווײַטערדיקע הערה). אין 1858 איז דאָס קרײַזל דורכגעפֿאַלן.

61 מ. ק ל ע וו ע נ ס ק י, „ווערטעפּניקי", Каторга и Ссылка נר׳ 47 (1928).

62 די וויכטיקסטע ליטעראַטור וועגן דעם קרײַזל: אַרט׳ פֿון ב. ק אָ ז מ י ן אין Каторга и Ссылка נומ׳ 41 (1928), ז׳ 125—139; ד. ז אַ ס ל אַ וו ס ק י, דראַגאָמאַנאָוו (מאָסקווע 1934), ז׳ 35 א״וו; אַרט׳ פֿון מ. ל ע מ ק ע אין Былое 1907, נומ׳ 1; ל. ק ו ל ט ש י צ ק י, דצ״וו (דײַטש), ב׳ 1, ז׳ 320 א״וו.

אַקטיווע טוער געהערן צוויי יידן, בינימין פּאָרטוגאַלאָוו און לעוו זעלענסקי, וואָס האָבן געשטאַמט ביידע פֿון פּאָלטאַווע, פֿון בעל־הבתּישע האַלב אַסימילירטע פֿאַמיליעס.[63] יונגע סטודענטן פֿון אַ יאָר 20—21, זיינען זיי אַריינגעטראָטן אינעם כּאַרקאָווער קרייזל. אין 1858 ווערן זיי אויסגעשלאָסן פֿון אוניווערסיטעט און אין 1860 אַריינגעזעצט אין פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג; אין 1862 ווערן זיי אַרעסטירט צום צווייטן מאָל. שפּעטער ענדיקן זיי ביידע דעם מעדיצינישן קורס, זעלענסקי בלייבט פּראַקטיקירן אין כּאַרקאָוו – און מער הערן מיר פֿון אים ניט.[64] מער באַקאַנט ווערט פּאָרטוגאַלאָוו.[65] אין 1874 אַרעסטירט מען אים ווידער און ער ווערט פֿאַרשיקט אויף אוראַל און באַזעצט זיך אין סאַמאַרע. פּאָרטוגאַלאָוו איז זייער פּאָפּולער ווי אַ דאָקטאָר־הומאַניסט און רוסישער פֿאָלקס־טוער. ער איז איינער פֿון די ערשטע אין רוסלאַנד, וואָס הייבט אויף אין דער ליטעראַטור די פּראָבלעמען פֿון סאָציאַלער מעדיצין, פֿירט אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע קעגן שיכּרות און פֿאַר פֿאָלקס־היגיענע; ער שטייט אויך אין ענגער פֿאַרבינדונג מיט די רוסישע סעקטאַנטן און שפּילט די ראָלע פֿונעם טיפּישן רוסישן לעגאַלן „נאַראָדניק״. אָבער אין געוויסע מאָמענטן הערן מיר זיין שטים אין יידישע פֿראַגעס — צום ערשטן מאָל נאָך ווי אַ סטודענט. אָנהייב 1864 האָבן זיך 20 יידישע סטודענטן פֿון כּאַרקאָוו געווענדט צו יוזל גינצבורגן נאָך שטיץ פֿאַר דער שטודיר־יוגנט; צווישן די חתימות אונטער דער ווענדונג געפֿינען מיר אויך די נעמען פֿון פּאָרטוגאַלאָוון און זעלענסקין און אויך פֿונעם שפּעטער באַקאַנטן רעוואָלוציאָנערן טוער אַפּטעקמאַן. לויבנדיק ביז אין הימל אַריין דעם גבֿיר דעם מעצענאַט („אייער נאָמען איז ווערט צו פֿאַרנעמען אַ חשובֿן אָרט אין דער געשיכטע פֿון דער ציוויליזאַציע פֿון אונדזער פֿאָלק״), פֿאַרלאַנגען די יידישע סטודענטן אין גאַנץ האַרבע ווערטער, אַז די יידישע גבֿירים זאָלן מאַטעריעל אונטערשטיצן די יוגנט, און אויב ניט — וועלן זיי קעגן זיך האָבן „באַליידיקטע און מיט רעכט פֿאַרצאָרנטע״ קינדער פֿון זייער פֿאָלק.[66] אין 1862 זיינען פּאָרטוגאַלאָוו און זעלענסקי אַרויסגעטראָטן אין אַקסאַקאָווס „דיען״ מיט אַן ענטפֿער („אַ בריוו פֿון צוויי יידן״) אויף אַ שאַרפֿן אַרטיקל וועגן יידן און תּלמוד, וווּ זיי אָנערקענען די שעדלעכקייט פֿון תּלמוד, אָבער פֿאַרטיידיקן די יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַהעפֿטן מיט דער רוסישער קולטור.[67] בעת עס איז אָנהייב די 80ער יאָרן אויפֿגעקומען אין יעליסאַוועטגראַד יעקבֿ גאָרדינס „דוכאָוונאָ־ביבלעיסקאָיע בראַטסטוואָ״ („גייסטלעך־ביבלישע ברודערשאַפֿט״) און אין אָדעס און קעשענעוו די סעקטע „נאָווי איזראַעל״ פֿון פּרילוקערן יוסף ראַבינאָוויטשן, איז ד״ר פּאָרטוגאַלאָוו געווען דער

---

63 פּאָרטוגאַלאָווס פֿאָטער איז געווען אַ „אָטקופּשטשיק״ און האָט געהערט צו די פּני פֿון די פּאָלטאַווער גבֿירים.

64 וועגן זעלענסקין זע ביאָ־ביבליאָגראַפֿישער לעקסיקאָן ב׳ 1, 2טער טייל (60ער יאָרן); וועגן זיין אָנטייל אין כּאַרקאָווער קרייזל זע די ביבליאָגראַפֿיע ווייטער.

65 ביאָ־ביבליאָגראַפֿישער לעקסיקאָן, ב׳ 1, 2טער טייל; ב. קאָזמין, ציט׳ אַרטיקל; זאַסלאַווסקי דצ״וו, ז׳ 35—36; ל. פּאַנטעלעיעוו, Из воспоминаний прошлого (זוכצעטל) קולטשיצקי, דצ״וו, ב׳ 1, ז׳ 320 א״וו.

66 אונדזער געשיכטע פֿון מפֿיצי השׂכּלה, ז׳ 137. די איניציאַלן פֿון פּאָרטוגאַלאָווס און אַפּטעקמאַנס ערשטן נאָמען ווערן דאָרט, זיכער על פּי טעות, אָנגעגעבן ניט ריכטיק: ג. און מ. אָנשטאָט ו. און אָ. אָבער פֿון זייערע ביאָגראַפֿיעס איז באַקאַנט, אַז זיי זיינען גראָד דעמאָלט ביידע געווען סטודענטן אין כּאַרקאָוו, און קיין אַנדערע מיט אַזעלכע נעמען זיינען דאָרטן ניט געווען.

67 דער מחבר פֿון אַרטיקל איז א. אַקסאַקאָוו גופֿא, געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים אַלעקסאַנדראָוו; וועגן דעם זע אויך דעם אַנאָנימען אַרט׳ אין ז״ב Евр. Библиотека ב׳ 5 (1875): Евр. вопрос и интересы России.

איינציקער זשורנאַליסט צווישן ייִדן, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער דאָזיקער באַוועגונג, וואָס איז אין תּוך געווען אַ מיסיאָנערישע, און איז געוואָרן איר הייסער אַפּאָלאָגעט.[68] פּאָרטוגאַלאָוו איז שטענדיק אַרויסגעטראָטן אין ייִדישע פֿראַגעס ווי אַן עקסטרעמער אַסימילאַטאָר, עס זײַנען באַקאַנט זײַנע אַרטיקלען קעגן מילה און שחיטה, אין וועלכע ער האָט אַפֿילו געפֿאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל זיך אַרײַנמישן און פֿאַרווערן.[69] דאָס האָט אַ פּנים געגעבן אַ סמך צו מיינען, אַז ער איז געווען געשמדט.[70] פּאָרטוגאַלאָווס ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז אַן עפּיזאָדישע און קער זיך אָן נאָר צו זײַנע סטודענטישע יאָרן.

אַ וויכטיקע ראָלע אין דער באַוועגונג האָט אין די 60ער יאָרן געשפּילט אייגנטלעך נאָר איין ייִד, און דער אויך אַ געשמדטער, — נ י ק אָ ל אַ י  א ו ט י ן. מיט אוטינען האָט זיך ניט וויניק געטומלט אין יענע יאָרן, באַזונדערס אין אויסלאַנד, זײַן נאָמען טרעפֿן מיר אָפֿט אין דער ליטעראַטור, ער איז געווען די רעכטע האַנט פֿון מאַרקסן אין זײַן באַרימטן קאַמף קעגן באַקונינען. אָבער זײַן ביאָגראַפֿיע איז ערגעץ ניט באַאַרבעט, און ערשט איצט האָבן מיר אַ מעגלעכקייט צו געבן אַ בילד פֿון דער דאָזיקער בכל אופֿן זייער באַגאַבטער פּערזענלעכקייט, אַ דאַנק די נײַסטע אויספֿאָרשונגען אין ראַטן-רוסלאַנד און אויך אַ דאַנק די מאַטעריאַלן, וואָס זײַנען לעצטנס געפֿונען געוואָרן אין די ווילנער פּאָליציי-אַרכיוון.[71]

אין די 50ער יאָרן האָט זיך אין פּעטערבורג באַזעצט דער „אָטקופּשטשיק“ יצחק אוטין, וואָס האָט געשטאַמט פֿון מאָזיר, מינסקער גובערניע, און אָנגעהויבן פֿירן דאָ גרויסע געשעפֿטן. ער ווערט מיט דער צײַט אַ מיליאָנער, באַקומט דעם טיטל „קאָמערצ-ראַט“, קויפֿט אָפּ דאָס שענסטע הויז אין איינעם פֿון די אַריסטאָקראַטישסטע קוואַרטאַלן פֿון דער הויפּטשטאָט.[72] ער איז זייער באַפֿרײַנדט מיט די גינצבורגס, זיי האָבן אַפֿילו אייניקע בשותּפֿותדיקע געשעפֿטן, אָבער מיט ייִדישע כּלל-ענינים אינטערעסירט ער זיך לגמרי ניט און פֿירט אַן אָפֿן אַסימילאַטאָרישן שטאַט. דער אויפֿגעקומענער ייִדישער גביר וואַרפֿט זיך קאָנטיק אין די אויגן, און דער סאַטירישער זשורנאַל „איסקראַ“ לאַכט אָפּ פֿון „איצקאַ גוסין“, געמיינט אוטין.[73] זײַנע קינדער שמדט ער אָפּ, און אין די 60ער

---

68 פּאָרטוגאַלאָווס אַרט׳ אין Одесский Листок 1882, נו׳ 264, און באַזונדערס זײַן בראָשור Знаменательное движение в еврействе פּעטערבורג 1884 (איז געווען פֿאַרווערט אין די עפֿנטלעכע ביבליאָטעקן).

69 זײַן אַרטיקל וועגן מילה בײַ ייִדן איז אָפּגעדרוקט אין Медицинское Обозрение 1884, נומ׳ 23; די ביבליאָגראַפֿיע פֿון פּאָרטוגאַלאָווס אַרטיקלען וועגן דער ייִדן-פֿראַגע זע: Систематический указатель литературы о евреях (פּעטערבורג 1892), זוכצעטל.

70 פֿג״ל למשל די זיכרונות פֿון וו. פּ אָ ס ע, Мой жизненный путь (מאָסקווע 1929), ז׳ 89 א״ו. זע אויך דעם יובֿל-זאַמלבוך לכּבֿוד י. טייטעל (רוס׳, פּאַריז), ז׳ 16. אין דער אמתן, ווי מיר ווייסן עס פֿון פּריוואַטע מקורים, איז פּאָרטוגאַלאָוו ניט געווען געשמדט.

71 די מאַטעריאַלן שטאַמען פֿון ווילנער זשאַנדאַרמעריע (איצט מלוכה-אַרכיוו) און זײַנען לעצטנס געפֿונען געוואָרן פֿון פֿ ר ו י  ד״ר ג. י אַ פֿ ע אין ווילנע; מיר זאָגן אַרויס אונדזער טיפֿן דאַנק פֿרוי יאַפֿע, וואָס האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו באַנוצן זיך מיט זיי.

72 דאָס הויז, אויף דער „ענגלישער נאַבערעזשנאַיאַ“, האָט שפּעטער אָפּגעקויפֿט פּאָליאַקאָוו, לויט אַנדערע ידיעות — באַראָן גינצבורג.

73 די „איסקראַ“ איז געווען אַ באַקאַנטער ר אַ ד י ק אַ ל ע ר סאַטירישער זשורנאַל (1859—1873); זײַן רעדאַקטאָר, קוראָטשקין, איז געווען אין אײן רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע מיט יצחק אוטינס זון ניקאָלאַי (זע ווײַטער). קורצע ידיעות וועגן יצחק (איסאַק) אוטין (1812—1876) זײַנען פֿאַראַן אין די ציט׳ זיכרונות פֿון פּ אַ נ ט ע ל ע י ע וו ן, ז׳ 71 און 295. לויט אייניקע ידיעות, וואָס קיין באַשטעטיקונג פֿון זיי האָבן מיר ניט, איז יצחק אוטין געווען געשמדט.

יאָרן זעען מיר זיי צווישן די פּני פֿון דער פּעטערבורגער רוסישער אינטעליגענץ. זיי זײַנען אַלע זייער באַגאַבט. דער עלטערער, באָריס אוטין, אַ יונגער פּראָפֿעסאָר, איז איינער פֿון די מחברים פֿון דעם נײַעם ליבעראַלן רוסישן געריכט-קאָדעקס פֿון 1864 און ווערט דערפֿאַר דערהויבן צום אַדלשטאַנד; ער שפּילט אַ ראָלע אין דער ליבעראַלער פּראָפֿעסור.[74] בעת עס גרינדעט זיך (אין 1863) די „חבֿרה מפּיצי השׂכּלה“, ווערט באָריס אוטין אויסגעקליבן פֿאַר אַן ערן-מיטגליד אין איינעם מיט צוויי אַנדערע געשמדטע יִידן — ד. כוואָלסאָן און דעם צענזאָר פֿיאַדאָראָוו-גרינבוים.[75] יצחק אוטינס צווייטער זון, יעקבֿ, איז יוריסט-קאָנסולט אין יוסטיץ-מיניסטעריום און סענאַט, שפּעטער ווערט ער אַ באַקאַנטער פֿינאַנסיסט און באַנק-דירעקטאָר. אַ דריטער זון איז אַ נאָטאַריוס און די טאָכטער האָט חתונה מיטן באַקאַנטן רוסישן ליבעראַלן שרײַבער, דעם געוו' פּראָפֿ' סטאַסיולעוויטש, רעדאַקטאָר פֿון זשורנאַל „וועסטניק יעווראָפּי“. די יִינגערע צוויי זין, יעווגעני און ניקאָלאַי, געהערן שוין צום ראַדיקאַלן לאַגער. זיי באַטייליקן זיך אין די סטודענטישע אומרוען און ווערן אַרײַנגעזעצט — אמת, ניט אויף לאַנג — אין פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג. שפּעטער פֿאַרענדיקט יעווגעני זײַן קורס און ווערט מיט צײַט אַ באַרימטער אַדוואָקאַט, באַטייליקט זיך אין די פּאָליטישע פּראָצעסן (איינער פֿון די הויפּט-פֿאַרטיידיקער בעתן „פּראָצעס פֿון די 193“) און איז אויך זייער באַקאַנט ווי אַ ליבעראַלער פּובליציסט, אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון „וועסטניק יעווראָפּי“.[76] אַ סך אַ מער שטורעמדיקע קאַריערע מאַכט דורך דער יִינגסטער פֿון די ברידער — ניקאָלאַי.

נאָך זײַענדיק גאָר אַ יונגער סטודענט האָט זיך ניקאָלײַ אוטין אויסגעצייכנט מיט זײַנע גלענצנדע פֿעיִקייטן און האָט זיך תּחילת געגרייט צו ווערן אַ פּראָפֿעסאָר.[77] בעת די אוניווערסיטעטישע אומרוען אין 1861 פֿירט ער די גרענדע און איז איינער פֿון די הויפּטרעדנער: צווישן די סטודענטן בילדעט זיך אַפֿילו אַ מין „אוטינס פּאַרטיי“, וואָס זוכט צוצוגעבן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער די געשעענישן און לאָזט אַרויס אַן אויפֿרוף מיטן לאָזונג פֿון „זעמסקאָיע דומאַ“.[78] ער ווערט דערפֿאַר אויסגעשלאָסן פֿון אוניווערסיטעט און אויף אַ קורצער צײַט אַרעסטירט. בעת עס גרינדעט זיך די „זעמליאַ אי וואָליאַ“, ווערט נ. אוטין צו איר צוגעצויגן. אוטינס ראָלע אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז ביז דער לעצטער צײַט ניט געווען גענוג קלאָר; די נײַסטע אויספֿאָרשונגען באַווײַזן, אַז ער איז געווען איינער פֿון אירע אַקטיווסטע טוער און אָנפֿירער און האָט האַרבסט 1862 פֿאַרנומען אין צענטראַלן קאָמיטעט דעם אָרט פֿונעם אַרעסטירטן נ. סערנאָ-סאָלאָוויאָוויטש. ער איז אויך געווען דער, וואָס האָט אָרגאַניזירט די געהיימע דרוקערײַ פֿון דער אָרגאַני-ניזאַציע, און דורך אים זײַנען געגאַנגען די פֿאַרבינדונגען מיטן פּוילישן אויפֿשטאַנד-

---

74 זע וויַיטער די ווענדונג פֿון ניקאָלאַי אוטין צו אַלעקסאַנדער II פֿון 1877. נאָך די סטודענטישע אומרוען אין 1861 האָט באָריס אוטין, צוזאַמען מיט אַנדערע באַקאַנטע ליבעראַלע פּראָפֿעסאָרן (קאַוועלין, ספּאַסאָוויטש, סטאַסיולעוויטש און פּיפּין), אָנגעגעבן אין דעמיסיע ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער רעגירונג.

75 זע אונדזער געשיכטע פֿון מפּיצי השׂכּלה, ז' 46.

76 אין דער אויסגאַבע M. Стасюлевич и его современники в их переписке (פּעטערבורג, עטלעכע בענד, רעד. פֿון מ. לעמקע) ווערט אָפֿט דערמאָנט די משפּחה אוטין, באַזונדערס יעווגעני (זע ווכצעטל); זײַן רעוו' ביאָגראַפֿיע זע אין ביאָ-ביבל' לעקסיקאָן, ב' 1, 2טער טייל.

77 ער באַקומט אַ גאָלדענעם מעדאַל אין אוניווערסיטעט פֿאַר אַן אַרבעט וועגן דער גריכישער ליטעראַטור; זײַן קאָנקורענט איז פּיסאַרעוו, דעמאָלט אויך אַ סטודענט, וואָס באַקומט פֿאַר דער זעלביקער טעמע — וועגן אַפּאָלאָ פֿון טיאַן — אַ זילבערנעם מעדאַל (זע די ציט' זכרונות פֿון פּאַנטעלעיעוו, זוכצעטל); פּיסאַרעווס אַרבעט איז אָפּגעדרוקט אין דער זאַמלונג פֿון זײַנע ווערק.

78 אַרכיוו פֿון ווילנער זשאַנדאַרמעריע (איצט אין מלוכה-אַרכיוו), מאַטעריאַלן וועגן ענין אוטין (1863).

קאָמיטעט. ער אָרדנט איַין לעבן פּעטערבורג אַ געהיימע דרוקעריַי — איינע פון די ערשטע אין רוסלאַנד, אויב ניט די ערשטע[79] — און דרוקט אָפּ די פּראָקלאַמאַציע „צו די געבילדעטע קלאַסן“, וואָס ער איז איר מחבר.[80] אין פעברואַר 1863 ווערט די דרוקעריַי אַריבערגעטראָגן אין וויטעבסקער גובערניע, אין מאַריענהויזן, ווו די פּוילישע פּאָווסטאַנצעס האָבן אויך זייער דרוקעריַי.[81] אין גיכן זיַינען די צוויי פּערזאָנען, וואָס אוטין האָט צוגעצויגן צום געהיימען דרוקן, די סטודענטן ווײַדע און סטעפּאַנאָוו, דורכגעפאַלן, און אוטינס ראָלע איז באַקאַנט געוואָרן דער פּאָליציי; ביַים פאַרהער האָבן זיי דערציילט, אַז די דרוקעריַי-טיילן, מאַנוסקריפּטן און געלט האָבן זיי באַקומען פון אוטינען און אַז ביַי אים איז אויך געלעגן דער שטעמפּל פון דער אָרגאַניזאַציע.[82] דורך די אַרעסטן זיַינען אויך אויפגעדעקט געוואָרן די פאַרבינדונגען צווישן דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“ און דעם פּוילישן אויפשטאַנד-קאָמיטעט און אוטינס ראָלע אין זיי. דער אַגענט פון דעם פּוילישן קאָמיטעט אין פּעטערבורג, דער אָפיצער קאָסאָווסקי, האָט ביַים אַרעסט זיך מודה געוועזן, אַז ער האָט צונויפגעפירט דעם שליח פון וואַרשע פּאַדלעווסקי מיט אוטינען און אַז די וויַיטערדיקע באַציִונגען זיַינען געגאַנגען דורך ווילנע; דער ענין איז אַזוי אַרום אַריבער אין מוראַוויאָווס אויספאָרשונגס-קאָמיסיע אין ווילנע.[83]

די דאָזיקע דורכפאַלן האָבן געצווונגען אוטינען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד אָנהייב מאַי 1863 — אַגבֿ אָן דעם וויסן פון זיַין אָרגאַניזאַציע. נאָך גרויסע מאַטערנישן האָט ער זיך דערקליבן קיין לאָנדאָן, ווו גערצען האָט אים זייער וואַרעם אויפגענומען און האָט געשריבן וועגן אים: „אוטין האָט געהערט צו די איניציאַטאָרן פון דער פּעטערבורגער אוניווערסיטעטישער דעמאָנסטראַציע, איז געזעסן אין פּעטראָפּאַוולער פעסטונג און ערבֿ זיַין נײַעם אַרעסט האָט ער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד“.[84] די אויספאָרשונג וועגן אוטינען אין רוסלאַנד האָט געדויערט עטלעכע יאָר, און דעם 27סטן נאָוועמבער 1865 האָט דאָס מיליטער-געריכט (אַ״ג „אָרדאָנאַנס-הויז“) אין דענעבורג אים פאַרמשפּט הינטער די אויגן פאַרן אָנטייל אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“, פאַרן געהיימען דרוקן

79 פּג״ל אַרט׳ פון ס. ליוושיץ וועגן די געהיימע דרוקעריַיען אין רוסלאַנד אין „Каторга и Ссылка“ ב׳ 41. ביז די יאָרן 1861—1862 זיַינען אין רוסלאַנד קיין געהיימע דרוקעריַיען בכלל ניט געווען, מען האָט זיך באַנוצט מיטן ליטאָגראַף (דער העקטאָגראַף איז באַקאַנט געוואָרן ערשט סוף די 70ער יאָרן) אָדער געדרוקט אין אויסלאַנד.

80 די פּראָקלאַמאַציע טראָגט נאָך אויף זיך ניט דעם נאָמען פון „זעמליאַ אי וואָליאַ“, וויַיל דעם נאָמען האָט די אָרגאַניזאַציע אָנגענומען ערשט אין אויגוסט 1862; אוטין און זיַינע חבֿרים האָבן זי אַרויסגעלאָזט אויף אייגענער אחריות, אָן דעם הסכם פון צענטער, וועלכער איז געבליבן מיט איר אומצופרידן; זע מ. לעמקעס הוספות צו גערצענס געזאַמלטע שריפטן און בריוו (פּעטערבורג 1920), באַנד 16, ז׳ 69—102.

81 זע לעמקע — גערצען, דאָרטן; אויך אַרכיוו פון ווילנער זשאַנדאַרמעריע, מאַטעריאַלן וועגן ענין אוטין, גבֿיות-עדות פון סטעפּאַנאָוו און אנד׳.

82 ב. באַזילעווסקי (באָגוטשאַרסקי) Материалы для истории рев. движения в России в 60-х гг. (פּעטערבורג), ז׳ 88—89 (איבערגעדרוקט די דערמאָנטע פּראָקלאַמאַציע פון אוטינען „צו די געבילדעטע קלאַסן“), אויך: לעמקע — גערצען, דאָרטן; מאַטעריאַלן וועגן ענין אוטין אין אַרכיוו פון ווילנער זשאַנדאַרמעריע (1863).

83 דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די מאַטעריאַלן געפינען זיך אין אַרכיוו פון געוו׳ ווילנער זשאַנדאַרמעריע. נאָך די מאַסן-שריפות אין פּעטערבורג, אין 1862, איז באַשטימט געוואָרן די „העכסטע אויספאָרשונג-קאָמיסיע“, וואָס האָט געפירט אויך די אויספאָרשונג וועגן אוטינען און אים געמשפּט (אַ צווייטע העכסטע קאָמיטיע פון דעם מין איז באַשטימט געוואָרן נאָך קאַראַקאָזאָווס אַטענטאַט אין 1866 און אַ דריטע — אין פעברואַר 1880, בראָש מיט לאָריס מעליקאָוו, נאָך די אַטענטאַטן פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“).

84 „Колокол“ 1863, נר׳ 168.

און די באַציִונגען מיט די פוילישע פּאָוסטאַנצעס צו טויטשטראָף.[85] צו יענער צײַט האָט זיך אוטין שוין געהאַט באַזעצט אין זשענעווע, ווו עס הייבט זיך אָן אַ נײַער, דער וויכטיקסטער קאַפּיטל אין זײַן רעוואָלוציאָנערער קאַריערע.

זשענעווע איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון דער רוסישער פּאָליטישער עמיגראַציע, און אוטין פאַרנעמט גלײַך אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער גרופּע יונגע עמיגראַנטן, וואָס שטייען אין אָפּאָזיציע צו געוועזענע און האָבן זיך מתקרב געווען צו באַקונינען, וועלכער איז גראָד דעמאָלט אַריבערגעפאָרן אין דער שווייץ (1867). זיי הייבן אָן אַרויסצוגעבן אין איינעם דעם זשורנאַל „נאַראָדנאָיע דעלאָ“, פון סעפּטעמבער 1868, און דעם ערשטן נומער רעדאַקטירט באַקונין אין אַ ריין אַנאַרכיסטישן גײַסט. אָבער דאָ קומט פאָר אַן ענדערונג אין די שטימונגען פון די יונגע, בראש מיט אוטינען: זיי קערן זיך אָפּ פונעם באַקוניזם, נעמען איבער דעם זשורנאַל אין די אייגענע הענט, און פונעם צווייטן נומער און ווײַטער טראָגט שוין די „נאַראָדנאָיע דעלאָ“ אַ מאַרקסיסטישן כאַראַקטער, הגם נאָך זייער אַ נעפּלדיקן.[86] דאָס איז גראָד געווען די צײַט, ווען אינעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל הייבט זיך אָן דער באַרימטער קאַמף צווישן מאַרקסן און באַקונינען. אוטין ווערט אַן אַקטיווער מיטגליד פונעם אינטערנאַציאָנאַל, פון איר אַ״ג „ראָמאַנישער פעדעראַציע“, ווו ער שפּילט אַ גרויסע ראָלע.[87] ער ווערט פונעם צענטער אַרײַנגעפירט אין 1870 אינעם סאָציאַליסטישן זשורנאַל „עגאַליטע“, אין איינעם מיט אַנדערע אָנהענגער פון מאַרקסן, אַנשטאָט די פריִערדיקע באַקוניסטן. אָנהייב 1870 גרינדן אוטין און זײַנע חברים די „רוסישע סעקציע“ פונעם אינטערנאַציאָנאַל און ווענדן זיך צו מאַרקסן, ער זאָל פאַרטרעטן די סעקציע אינעם גענעראַל-ראַט, אויף וואָס מאַרקס גיט זײַן הסכמה. דער זשורנאַל „נאַראָדנאָיע דעלאָ“ ווערט דער אָרגאַן פון דער סעקציע און פירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק קעגן באַקונינען און זײַנע אַנאַרכיסטישע טעאָריעס. אוטין באַקעמפט אויך נעטשאַיעוון, בעת ער באַוויַיזט זיך אין זשענעווע.

אינעם פאַרביסענעם קאַמף, וואָס מאַרקס פירט דעמאָלט אינעם אינטערנאַציאָנאַל קעגן באַקונינען און די אַנאַרכיסטן און וואָס טראָגט ניט בלויז אַ פּרינציפּיעלן, נאָר אין אַ גרויסער מאָס אויך אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער,[88] שטייט אוטין בײַ דער זײַט פון מאַרקסן, און ער שטעלט עס אים צו דעם מאַטעריאַל וועגן באַקונינען און וועגן נעטשאַיעוון. אויפן קאָנגרעס פון דער „ראָמאַנישער פעדעראַציע“ אין שאָ-דע-פאָן

---

85 ווערטלעך: Казнить смертью расстрелянием; זע: לעמקע — געוצען, דאָרטן, ז׳ 437 א״וו. פגל״ אויך נ. אוטינס ביאָגראַפיע אין ביאָ-ביבליאָגראַפישן לעקסיקאָן, ב׳ 1, טייל 2 (60ער יאָרן), ווו ס׳איז אָנגעגעבן די ליטעראַטור וועגן אים.

86 „Народное Дело“ האָט דערשײַנט פון סעפּטעמבער 1868 ביז סעפּטעמבער 1870.

87 וו. גאָראָכאָוו, Русская секция Первого Интернационала (מאָסקווע 1925), ז׳ 28; דער מחבר טײַלט אויך מיט, אַז אין 1870 האָט דער אינטערנאַציאָנאַל אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט צו די זשענעווער אַרבעטער וועגן אַ גענעראַל-שטרײַק, און צווישן די 8 חתימות איז אויך געווען אוטינס.

88 די ליטעראַטור וועגן דעם דאָזיקן קאַמף איז זייער אַ רײַכע; וועגן איר שרײַבן אויספירלעך — אין אַ פאַרשיידענער באַלײַכטונג — די ביאָגראַפן פון מאַרקסן און באַקונינען; זע: י. סטעקלאָוו, פיר-בענדיקע ביאָגראַפיע פון באַקונינען (רוס׳, 1927, מאָסקווע, „גאָסאיזדאַט“), אויך זײַן ווערק Первый Интернационал (3טע אויפלאַגע, 1923, „גאָסאיזדאַט“); א. בראַסלאַווסקי, Материалы к истории I и II Интернационалов (מאָסקווע 1926); וו. פּאָלאָנסקיס אַרט׳ וועגן באַקונינען אינעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אינעם זשורנאַל „Историк Марксист“ (מאָסקווע) 1926, נו׳ 2, ז׳ 5—43, דאָרטן איז אויך אָנגעגעבן אַ רײַכע ליטעראַטור; די איבעריקע ליטעראַטור אין רוסיש זע די ביבליאָגראַפיע צו באַקונינען אינעם ביאָ-ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2 (70ער יאָרן), ז׳ 73—75. אין דײַטש: מ. נעטלאַו, באַקונין און די רוסישע רעוו׳ באַוועגונג אין די יאָרן 1868—1873, געדר׳ אין „Archiv für die Geschichte des Sozialismus“ לײַפּציק 1915, נומ׳ 5.

(שווייץ) אין 1870 טרעט אוטין אַרויס מיט אַן אָפֿענער באַשולדיקונג קעגן באַקונינען און זײַן דעזאָרגאַניזאַטאָרישער ראָלע אין אינטערנאַציאָנאַל; אויף דער לאָנדאָנער קאָנפֿערענץ פֿון אינטערנאַציאָנאַל אין 1871 באַקומט אוטין (וואָס איז געווען איינער פֿון די צוויי דעלעגאַטן פֿון דער שווייץ) אַן אינסטרוקציע „צוצושטעלן אַ באַריכט לויט די רוסישע מקורים וועגן נעטשאַיעווס פּראָצעס״,[89] און אוטינס מאַטעריאַלן ווערן געלייגט אין יסוד פֿון דער באַקאַנטער בראָשור „ל׳אַליאַנס דע לאַ דעמאָקראַסי סאָסיאַליסט״, וואָס איז געווענדעט קעגן באַקונינס און נעטשאַיעווס מעטאָדן.[90] דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס אין האַג, סעפּטעמבער 1872, האָט אויפֿן סמך דער עיקר פֿון אוטינס מאַטעריאַל אויס-געשלאָסן באַקונינען און זײַנע אָנהענגער פֿונעם אינטערנאַציאָנאַל. ווי באַקאַנט, האָט באַקונין גלײַך נאָך דעם געגרינדעט זײַן אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל, און די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט גורם געווען צום אונטערגאַנג פֿון ביידע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

די אָנהענגער פֿון באַקונינען און נעטשאַיעוון האָלטן אוטינען פֿאַרן הויפּט-שולדיקן אין דעם סיכסוך; זיי זײַנען איין מאָל אַפֿילו באַפֿאַלן אוטינען בײַ נאַכט אין ציריך און אים צעשלאָגן; עס איז געווען אַפֿילו אַ חשד, אַז זיי האָבן אים געוואָלט הרגענען.[91] דער קאַמף איז פֿון ביידע זײַטן געפֿירט געוואָרן מיט ניט גאָר כּשרע מיטלען און מיט אַ סך אינטריגעס. באַקונינס סיכסוך מיט די צוויי „ייִדן״, מיט מאַרקסן און אוטינען, האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט זײַנע אַנטיסעמיטישע שטימונגען, פֿון וועלכע ער איז קיין מאָל ניט געווען פֿרײַ. אַזוי האָט באַקונין געשריבן (אין 1871) וועגן די שענדלעכע בילבולים, וואָס עס האָבן אויף אים אויסגעטראַכט „די דײַטשע עמיגראַנטן, דער עיקר י י ד ן, מיט יענעם דעליקאַטן טאַקט, מיטן יושר און פֿײַנקייט, אויף וועלכע ייִדן זײַנען מסוגל״, און געטאָן האָבן זיי דאָס „אויס שׂנאה צו רוסלאַנד, בכלל צו די סלאַוון״.[92] „צו אוטינען — שרײַבט ער, — האָב איך פֿון אָנהייב אָן געפֿילט אַן עקל״, און אוטין האָט געטראָגן אויף אים „אַן אומגעזעצטיקטע שׂנאה״.[93] נאָך פֿריִער, אין 1869, האָט אויך נעטשאַיעוו אין איינעם פֿון זײַנע זשענעווער אויפֿרופֿן „צו די רוסישע סטודענטן״, ווו ער פּאָלעמיזירט אַגבֿ קעגן דעם קלאַנג, וואָס די רעגירונג האָט פֿאַר-שפּרייט, אַז די סטודענטישע אומרוען אין פּעטערבורג זײַנען אַ פּויליש שטיקל אַרבעט, געשריבן בזה הלשון: דער בלבול איז אַזוי אומגעלומפּערט, אַז ער קער זײַן „אַן אויסטראַכ-טעניש נאָר פֿון זשידעס, וואָס האָבן זיך פֿאַרקויפֿט און זײַנען אַריבער צו פּראַוואָ-

---

89 ווערט געמיינט דער פּראָצעס פֿון נעטשאַיעווס אָנהענגער און זײַנע חבֿרים, וועלכע מ׳האָט געמשפּט פֿאַר הרגענען דעם סטודענט איוואַנאָוו (זע ווײַטער).

90 אַזאַ נאָמען L'Alliance de la démocratie socialiste האָט געטראָגן באַקונינס אינטערנאַציאָ-נאַלע געהיימע פֿאַרשווערערישע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע, וואָס ער האָט געגרינדעט נאָך אין יאָר 1864 און שפּעטער דורך איר געפֿירט זײַן קאַמף אינעם אינטערנאַציאָנאַל קעגן מאַרקסן. אין דער ב ר אָ ש ו ר אונטער דעם נאָמען (1873) האָבן מאַרקס׳ אָנהענגער אין אַ שאַרפֿן טאָן קריטיקירט די מעטאָדן פֿון באַקונין און נעטשאַיעוו; אייניקע מיינען, אַז די מחברים פֿון דער בראָשור זײַנען געווען מאַרקס און אוטין. אין דער אמתן זײַנען דאָס געווען ענגעלס און לאַפֿאַרג, צום טייל אויפֿן סמך פֿון אוטינס מאַטעריאַלן.

91 אַזוי באַהויפּט למשל Jeck, דער ערשטער היסטאָריקער פֿונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אויפֿן סמך פֿון דער דערמאָנטער בראָשור „ל׳אַליאַנס״.

92 זע ו. ב אָ ג ו ט ש אַ ר ס ק י, Активное народничество 70-х годов (מאָסקווע 1912), ז׳ 76—77. אויך די ביאָגראַפֿן פֿון באַקונינען לייקענען ניט, אַז ער איז געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט. עס איז אַגבֿ כאַראַקטעריסטיש באַקונינס מיינונג וועגן לאַסאַלן: „לאַסאַל — שרײַבט ער, — ווי אַ דײַטש, ווי אַ ייִד, ווי אַ געלערנטער און ווי אַ רײַכער מענטש״ האָט אויסגעקליבן דעם וועג פֿון „געזעצלעכער פֿאָלקס-אַגיטאַציע פֿאַר פֿרידלעכע רעפֿאָרמעס״ און ניט חלילה פֿון רעוואָלוציע. דאָרטן, ז׳ 84.

93 ו. ג אָ ר אָ כ אָ ו, דצ״ו, ז׳ 20.

סלאַוויע״.[94] אין אַ פּאָליציייִשער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ווערט דערציילט וועגן אוטינען, אַז זײַנענדיק אין דער שווייץ האָט ער געהערט צו די מאַסאָנען, איז תּחילת געשטאַנען נאָענט צו באַקונינען און אַפֿילו געהאָלפֿן מיט געלט נעטשאַיעוון, אָבער שפּעטער האָט ער זיך מיט זיי צעקריגט, אַז אין דער עמיגראַציע האָט מען אים ניט ליב געהאַט, „געהאַלטן פֿאַר אַ קמצן און גערופֿן זשיד״.[95] הגם אוטין איז געווען געשמדט נאָך קינדווײַז און די גאַנצע משפּחה אוטינס איז לאַנג אַוועק פֿון ייִדנטום און האָט מיט אַלע כּוחות אויסגעבאַהאַלטן זייער ייִדישן אָפּשטאַם, פֿון דעסט וועגן האָט מען אוטינען אַפֿילו אין די רעוואָלוציאָנערע קרײַזן באַטראַכט פֿאַר אַ ייִד, און שוין דאָס אַליין גיט אונדז דאָס רעכט אַרײַנצונעמען אים אין כּלל ייִדן-רעוואָלוציאָנערן. די מעמואַריסטן פֿון יענער צײַט שילדערן אוטינען ווי זייער אַ פֿעיִקן און ענערגישן מענטשן, ווי אַ גוטן רעדנער, מיט אַ בייזן וויץ, אַ געבילדעטן, הגם אויבערפֿלעכלעכן, אָבער אַלע זײַנען מודה, אַז קיין מאָראַלישע פּערזענלעכקייט איז ער ניט געווען, אַז ער האָט געהאַט אין זיך דיקטאַטאָרישע גענג און געפֿירט אינטריגעס.[96] גערצען האָט מיט אויפֿרעגונג גערעדט וועגן דער יונגער עמיגראַציע אין זשענעווע און אָנגערופֿן זי „אוטינס וואַנצנעסט״, און אַפֿילו דער מיושבֿדיקער לאַווראָוו איז געווען אויפֿגעבראַכט פֿון אוטינס מעטאָדן אינעם קאַמף קעגן באַקונינען. אין 1873 איז אוטין אַריבערגעפֿאָרן קיין לאָנדאָן און האָט זיך דערווײַטערט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, „און משמעות — שרײַבט איינער פֿון די פֿאָרשער, — אַז דאָס איז געווען די ווירקונג פֿונעם באָיקאָט אויף אים מצד אַלע רוסישע גרופּעס (אין דער עמיגראַציע) פֿאַר זײַן קאַמף קעגן באַקונינען״[97]. אוטינען האַלט מען פֿאַרן ערשטן רוסישן מאַרקסיסט, אָבער דאָס איז נאָר צום טייל אמת. קיין קלאָרע מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע האָט ער ניט געהאַט, הגם זײַן זשורנאַל „נאַראָדנאָיע דעלאָ״ האָט דער ערשטער אָנגעהויבן רעדן מיט אַ מאַרקסיסטישער שפּראַך, אָבער מיט אַ צומיש פֿון רוסיש-נאַראָדנישע אַרגומענטן. אין דער פּראָגראַם פֿון דער דערמאָנטער „רוסישער סעקציע״, וואָס אוטין האָט פֿאַרפֿאַסט, ווערט אַ שטייגער אַזוי געזאָגט: „דאָס רוסישע פֿאָלק האָט פֿון תּמיד אָן געשטרעבט צו פֿאַרווירקלעכן די גרויסע פּרינציפּן פֿונעם

---

94 אין אָריגינאַל: ...могли наклеветать только жидовские уста, за рубль серебром перешедшие в православие; — זע ו. באָגוטשארסקי, דצ״וו, ז׳ 137. ווען ער האָט נעטשאַיעוו געמיינט מיט דעם רמז איז ניט באַקאַנט: אוטין איז דעמאָלט אין רוסלאַנד שוין לאַנג ניט געווען און נעטשאַיעווס הויפּט-געגנער בעת די דאָזיקע אומרוען, מאַרק נאַטאַנסאָן, איז נאָך דעמאָלט ניט געווען געשמדט.

95 דער דאָזיקער פּאָליציייִשער מקור — „געשיכטע פֿון דער סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד״ — ווערט ציטירט פֿון מ. לעמקע אין גערצענס געזאַמלטע שריפֿטן און בריוו, ב׳ 16, ז׳ 69 א״וו. אַז אוטין איז געווען אַ מאַסאָן שטאַמט אפֿשר דערפֿון, וואָס ער האָט געשפּילט די הויפּטראָלע אויף די זיצונגען פֿון די זשענעווער מיטגלידער פֿון אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע פֿלעגן פֿאָרקומען אינעם „טאַמפּל יוניק״, דעם געוועזענעם טעמפּל פֿון די מאַסאָנען, ווי עס ווערט דערציילט אין די מעמוארן פֿון קראַפּאָטקין. דער דערמאָנטער פּאָליציייִשער מקור דערציילט אויך אַ געשיכטע, אַז אין 1872 האָט די שווייצער פּאָליציי געמאַכט בײַ אוטינען אַ הויזזוכונג אונטערן חשד, אַז ער פֿאַבריצירט פֿאַלשע רוסישע אַסיגנאַציעס, אָבער האָט גאָרניט געפֿונען; אפֿשר איז דאָס געווען אַ מסירה פֿון זײַנע געגנער?

96 פֿ״גל די ציט׳ זכרונות פֿון פּאַנטעלעיעוו (רעג׳), אויך די זכרונות פֿון באַקונינס סעקרעטאַר מ. סאַזשין (מאָסקווע 1925, רעג׳). אין 1925 האָט באַקונינס דײַטשער ביאָגראַף, דער אַנאַרכיסט מאַקס נעטלאַו, אָפּגעדרוקט אין אַ רוסישן זשורנאַל אין שיקאַגאָ „Голос Труженика“ אַ ניט פֿאַרעפֿנטלעכטן אַרטיקל פֿון באַקונינען א״ג „די אינטריגעס פֿון הער אוטין״. אין דער אויבן ציט׳ קאָרעספּאָנדענץ פֿון מ. סטאַסיולעוויטש געפֿינען מיר אויך ניט זייער קיין גינציקע כאַראַקטעריסטיק פֿון ניקאָלאַי אוטינס פּערזענלעכקייט.

97 ו. גאָראָכאָוו, דצ״וו, ז. 56

אינטערנאַציאָנאַל", די אידעען פֿון קאָלעקטיוויזאַציע, און אַ באַווייז דערפֿאַר זײַנען די רוסישע „אָבשטשינע" און די „אַרבעטער־אַרטעלן"...[98]

פֿאַר דער ביאָגראַפֿיע פֿון אוטינען, וואָס איז אין אַלגעמיין ווייניק אויסגעפֿאָרשט, איז ביז גאָר וויכטיק זײַנער אַ בריוו צום פֿאָטער, וואָס איז ניט לאַנג געפֿונען געוואָרן אין די ווילנער אַרכיוון.[99] דעם דאָזיקן בריוו האָט אוטין אָנגעשריבן אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך דעם ווי ער איז אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, אין 1863. אוטין פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַרן פֿאָטער, וואָס ער האָט פֿאַרלאָזט רוסלאַנד: נאָכן אַרעסט און דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג, ווו ער איז געזעסן פֿאַר די סטודענטישע אומרוען, האָט מען אים, לויט זײַנע ווערטער, נײַן מאָל געוואָלט פֿון דאָס נײַ אַרעסטירן. אין 1863 האָט דער אינערן־מיניסטער וואַלויעוו אַפֿילו אָפּגעגעבן מזל־טובֿ אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, וואָס דער פּעטערבורגער פּאָליציי איז סוף כּל סוף געראָטן „צו פֿאַרכאַפּן דעם רעוואָלוציאָנערן פֿירער", אָבער די ידיעה איז געווען אַ פּריצײַטיקע. מיר דערוויסן זיך ווײַטער, אַז די פּאָליציי האָט אין 1862, בעת די באַקאַנטע מאַסן־שׂריפֿות אין פּעטערבורג, געלאָזט אַ קלאַנג, אַז שולדיק אין דעם זײַנען אוטין און די אַנדערע סטודענטן, און אין שטאָט האָט מען אַפֿילו געגלייבט, אַז אוטין איז אומגעקומען אויף דער תּליה. אוטין שרײַבט ווײַטער, אַז זײַן ציל איז געווען צו ווערן אַ פּראָפֿעסאָר; איצט איז זײַן קאַריערע צעבראָכן, אָבער „וואָס איז קאַריערע?... ווער דאַרף זי?" ער טרייסט נאָר, וואָס ער איז איצט „אָן אַ פֿאָטערלאַנד און אָן אַ פֿאַמיליע". „איך ווייס — שרײַבט ער ווײַטער, — אַז מ'האָט ניט געקענט פֿילן קיין גרויסע ליבשאַפֿט צו מיר, אָבער מ'האָט ניט געקענט מיך ניט רעספּעקטירן פֿאַר מײַן ערלעכקייט און ערנסטקייט, ווי אַ מענטשן מיט אַ קאָפּ".[100] ס'איז זייער מעגלעך, אַז אוטין האָט דאָ אַ ביסל מגזם געווען זײַן ראָלע אין דער באַוועגונג און דעם „פּחד", וואָס די רעגירונג האָט געהאַט פֿאַר אים. אין די מאַטעריאַלן פֿון דער אויספֿאָרשונג־קאָמיסיע ווערט דערציילט אַ כאַראַקטעריסטישער פֿאַקט, אַז נאָך אוטינס אַנטלויפֿן קיין אויסלאַנד האָט גראַף מוראַוויאָוו, וואָס האָט אָנגעפֿירט די אויספֿאָרשונג, געוואָלט פֿאַרשיקן אוטינס פֿאָטער, דערפֿאַר וואָס ער האָט ניט אויפֿגעפּאַסט אויף זײַן יונגן זון, אָבער קעגן דעם האָט זיך אַרויסגעזאָגט דער פּעטערבורגער גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿירשט סוואָראָוו: פֿאַרן אַלטן אוטינען האָבן זיך אײַנגעשטעלט די גרויסע פּעטערבורגער „אָטקופּשטשיקעס" און קאָמערסאַנטן ניט־יידן, וועלכע האָבן אין אויגוסט 1864 דערלאַנגט דעם גענ'־גובערנאַטאָר אַ קאָלעקטיווע בקשה וועגן באַגנעדיקן אים און מאָטיווירט דערמיט, וואָס זײַן פֿאַרשיקונג וועט זיי בדלות שטעלן. סוף כּל סוף האָט מען די מעשׂה פֿאַרשטיקט.[101] אָבער נאָך כאַראַקטעריסטישער

---

98 דאָרטן, ז' 41.

99 אין דעם געוו' זשאַנדאַרמעריע־אַרכיוו (איצט מלוכה־אַרכיוו), באַקומען דורך דער פֿרײַנדלעכער פֿאַרמיטלונג פֿון פֿרוי ד"ר נ. יאַפֿע.

100 נ. אוטינס בריוו צום פֿאָטער (פֿון בריסעל), פֿונעם 17טן יולי 1863; דעם דאָזיקן בריוו האָט דער פֿאָטער, יצחק אוטין, אויס מורא אַליין צוגעשטעלט דער פּעטערבורגער אויספֿאָרשונג־קאָמיסיע. פֿון דעם בריוו זעט מען אַגבֿ, אַז בײַם אַנטלויפֿן האָט אוטין געהאַט מיט זיך 1200 רובל, וואָס זײַנע פֿרײַנד האָבן אים מיטגעגעבן (פּאַנטעלעיעוו אין זײַנע זכרונות באַהויפּט אַפֿילו, אַז 3000 רובל), און פֿאַר די צוויי און אַ האַלב חדשים (פֿון אָנהייב מאַי ביז מיטן יולי) האָט ער געמאַכט אין אויסלאַנד נאָך חובֿות אויף 1500 רובל און בעט בײַם פֿאָטער צו שיקן אים דאָס געלט; ניט יעדערער פֿון די פּאָליטישע עמיגראַנטן האָט געקענט אָפּערירן מיט אַזעלכע סכומים... עס איז זיכער, אַז די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט פֿון נ. אוטינען אין אויסלאַנד האָט אָפּגעקאָסט זײַן רײַכער משפּחה ניט קיין קליינע אַפּותיקי.

101 זע לעמקע — גערצען, ז' 437 א"וו (לויטן אַרכיוו פֿון דער אויספֿאָרשונג־קאָמיסיע); די קאָלעקטיווע בקשה איז געווען געחתמעט פֿון בענאַרדאַקי, באַזילעווסקי, פֿירשט וויאַזעמסקי, גראָמאָוו, רזשעקאָצאַנסקי, וואָראָנין א"אַ.

איז אַן אַנדער פֿאַקט, וואָס ווערט איבערגעגעבן אין די ניט-פֿאַרעפֿנטלעכטע נאָטיצן פֿון איינעם פֿון די פּאָליטישע טוער: נאָך אוטינס אַנטלויפֿן האָבן די רעוואָלוציאָנערן אָרגאַניזירט אַ גרופּע, וואָס פֿלעגט פֿאַר געלט אַרויסקריגן בשתיקה פֿון דער פּאָליציי ידיעות וועגן די פּערזאָנען, וואָס שטייען אונטער אַ פּאָליטישן חשד; די רוסישע ליבעראַלע גבֿירים האָבן דעם ענין פֿינאַנסירט, און דער ערשטער, וואָס האָט דערויף געגעבן געלט, איז געווען אוטינס פֿאָטער...[102]

אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך זײַנע קאַמפּן מיט באַקונינען ווערט ניקאָלאַי אוטין פּלוצים אַ בעל-תּשובֿה. בעת דער רוסיש-טערקישער מלחמה אַרבעט ער אין בוקאַרעשט מיטן באַקאַנטן יידישן גבֿיר שמואל פּאָליאַקאָוו, וואָס האָט געבויט אין רומעניע אַן אײַזנבאַן-ליניע פֿאַר רוסישע מיליטערישע צוועקן, און משמעות אונטער זײַן השפּעה ווענדט ער זיך צו אַלעקסאַנדער II מיט אַ חרטה-בריוו. פּאָליאַקאָוו, וואָס האָט געהאַט גרויסע פֿאַרבינדונגען אין די רעגירונגס-קרײַזן, שיקט אַריבער דעם 11טן אָקטאָבער 1877 אוטינס השתּדלות קיין פּעטערבורג און כאַראַקטעריזירט אים דערבײַ ווי אַ גוטן קענער פֿון אײַזנבאַן-בוי. מיר ברענגען דאָ די וויכטיקסטע טיילן פֿון אוטינס ווענדונג צום צאַר, וואָס איז כּמעט ווי נים באַקאַנט.[103] „אין מאָמענט פֿון שווערע נסיונות פֿאַרן געליבטן פֿאָטערלאַנד — שרײַבט אוטין — שטרעבט יעדער געטרײַער זון פֿון לאַנד צו ווערן אַ נוצלעכער אויספֿירער, אויף דעם אָדער יענעם געביט, פֿון די גרויסע געבאָטן פֿונעם גרויסן מאָנאַרך. דער אונטערגעחתמעטער געטרײַער אונטערטאַן נעמט זיך די העזה צו בעטן מיט פֿאָרכט אײַער מאַיעסטעט שענקען אים דאָס ווערטפֿולע רעכט צו זײַן נוצלעך דעם צאַר און פֿאָטערלאַנד און אַראָפּנעמען דעם שאַנדפֿלעק פֿון אַן אַרויסגע-טריבענעם. איך האָב אויפֿריכטיק חרטה אויף מײַנע אומזיניקע חטאות-נעורים פֿון 14 יאָר צוריק". ווײַטער רעכנט אוטין אויס די פֿאַרדינסטן פֿון זײַן פֿאָטער און די ברידער, וואָס האָבן באַקומען פֿון דער רעגירונג פֿאַרשיידענע אויסצייכענונגען, זײַן טעטיקייט די לעצטע יאָרן אין אויסלאַנד ווי אַן אײַזנבאַן-אינזשעניער, און פֿאַרענדיקט: „איצט געפֿין איך זיך אין רומעניע בײַם מיליטערישן אײַזנבאַן-בוי און בײַ אַנדערע פּאַטריאָטישע אונטערנעמונגען, וועלכע אײַער מאַיעסטעט האָט אָנגעטרויט אײַער בויער, דעם ווירק-לעכן שטאַטסראַט ס. ס. פּאָליאַקאָוו, און איך האָב די העזה צו מיינען, אַז איך באַווײַז במעשׂה, לויט מײַנע כּוחות, די אויפֿריכטיקייט פֿון מײַן חרטה און מײַן פֿולע איבער-געגעבנקייט דעם טראָן און פֿאָטערלאַנד". גלײַכצײַטיק מיט דער ווענדונג צום צאַר האָט זיך אוטין אויך געווענדט מיט אַ חרטה-בריוו צום באַקאַנטן שעף פֿון דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע מ ע ז ע נ צ ע װ ן — צום זעלביקן, וואָס איז אין אַ פּאָר חדשים אַרום דערהרגעט געוואָרן פֿון באַרימטן רוסישן רעוואָלוציאָנער קראַווטשינסקי פֿאַר זײַן אַכזריות. און אין דעם בריוו שרײַבט אוטין שוין אָפֿנהאַרציקער: „צום אומגליק האָב איך צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט [פֿון דער פּאָליציי] פֿאַר אַ געשיכטע אין אוניווערסיטעט; מ'האָט מיך חושד געווען אין כּלומרשטער באַטייליקונג אין די פּאָליטישע יוירענישן פֿון דער יוגנט און שפּעטער האָט מען מיך אומזיסט חושד געווען אין סימפּאַטיעס צום פּוילישן אויפֿשטאַנד, און צו 22 יאָר האָב איך פֿאַרלאָזן דאָס פֿאָטערלאַנד און אָפּגעריכט גלות

102 דאָרטן, ז' 101.

103 דאָרטן, ז' 440—441. מ. לעמקע האָט געפֿונען דעם בריוו אין אַרכיוו פֿון דער „דריטער אָפּטײלונג". פֿאַררוקט צווישן די הוספֿות צו גערצענס ווערק און בריוו, איז דער דאָזיקער בריוו פֿאַרבליבן ווייניק באַמערקט; ער ווערט אַגבֿ דערמאָנט אינעם ניט לאַנג אַרויסגעגאַנגענעם ווערק פֿונעם פּוילישן היסטאָריקער י אַ ן קוּכאַרזשעווסקי, Od Białego caratu do Czerwonego, ב' 4, וועלכער ציטירט לעמקען און ברענגט בכלל אייניקע ידיעות וועגן אוטינען, ספּעציעל וועגן זײַנע באַציִונגען מיט די פּוילישע פּאָזיטיוויסטן ... פּזוסטאַנצעס (ז' 100 א"וו, ז' 111 א"וו).

אין אויסלאַנד״.[104] ווײַטער דערוויסן מיר זיך פֿון אוטינס ווערטער אומגעריכט אָט וואָס: „מיט 14 יאָר צוריק האָב איך זיך דערלויבט צו ווענדן זיך צו זײַן דורכלויכט, דעם גצוו׳ גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿירשט סוואָראָוו, און אַ פֿאַרטריבענער האָב איך פֿאַר אים געשוואָרן, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין שײַכות צום פּוילישן אויפֿשטאַנד און בין געפֿאַלן אַ קרבן פֿון בלבולים, וואָס עס האָבן אויף מיר אויסגעטראַכט מענטשן, וועלכע האָבן אויף אַ פֿאַרברעכערישן אופֿן געזוכט זיך צו ראַטעווען דורך מײַן מפּלה. איצט, שרײַבנדיק אײַך, פֿאַרזיכער איך, אַז איך בין ניט געווען קיין פֿעלשער, האָב ניט פֿאַרשוועכט דעם נאָמען פֿון מײַן משפּחה און האָב קיין שום אָנטייל אינעם פּוילישן אויפֿשטאַנד ניט גענומען. אויף אַלע אַנדערע אומזיניקע חטאים און שטותן פֿון מײַן אומצײַטיקער יוגנט האָב איך מיט יאָרן צוריק אויפֿריכטיק חוזר בתשובֿה געווען.״[105] דאָס געזאָגטע באַטײַט, אַז באַלד נאָך זײַן אַנטלויפֿן קיין אויסלאַנד האָט אוטין אין דער שטיל געשריבן חרטה-בריוו צו דער רוסישער מאַכט, בעת פֿון דער צווייטער זײַט האָט ער זיך געלאָזט באַגריסן פֿון גערצענען ווי אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרטירער... אוטינס ווענדונג צום צאַר איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פֿון מעזענצעוון, און ער האָט באַקומען די דערלויבעניש אומצוקערן זיך קיין רוסלאַנד אונטער אַ פּאָליצײַישער השגחה. אין 1880 קומט ער אין איינעם מיט זײַן פֿרוי קיין רוסלאַנד,[106] ער באַזעצט זיך אויף אוראַל, ווו ער פֿירט גרויסע געשעפֿטן, באַטייליקט זיך אויך אין די מעטאַלורגישע אונטערנעמונגען פֿון די גינצבורגס. אין דרײַ יאָר אַרום (1883) איז ער דאָ געשטאָרבן. אַזוי טרויעריק האָט זיך פֿאַרענדיקט די קאַריערע פֿונעם ערשטן רוסיש-ייִדישן רעוואָלוציאָנער. צו יענער צײַט האָט מען וועגן אוטינען אין די רעוואָלוציאָנערע רייען שוין לאַנג פֿאַרגעסן און אויף זײַן מאָראַלישער ירידה האָט זיך קיינער ניט אָרומגעקוקט; אַגבֿ זײַנען זײַנע תּשובֿה-בריוו צום צאַר און צו מעזענצעוון פֿאַרבליבן ביז דער לעצטער צײַט פֿאַרגראָבן אין די אַרכיוון פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג״.

דער פּעטערבורגער גבֿירישער זון ניקאָלאַי אוטין איז געווען אַ צופֿעליקע פּערזאָן אין דער רעוואָלוציע, אין איר פּרי-תּקופֿה. טיילווײַז זײַנען אַזעלכע צופֿעליקע פּערזאָנען געווען אויך זעלענסקי און אַפֿילו פּאָרטוגאַלאָוו, ווי בכלל אַ סך אַנדערע ייִדישע סטודענטן—ראַדיקאַלן, וואָס האָבן אַזוי צי אַנדערש געהאַט אַ שײַכות צו די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין די 60ער יאָרן, אייגנטלעך — צו די סטודענטישע אומרוען. סוף כּל סוף געראָט זיי אַלעמען צו ענדיקן דעם קורס, דאָס רובֿ דעם מעדיצינישן, זיי באַקומען דיפּלאָמען — און מער הערט מען ניט פֿון זיי. צום אָנהייב די 70ער יאָרן וואַקסט שוין אויס אַ גאַנץ נײַער און אַנדער קאַדער ייִדן-רעוואָלוציאָנערן. מיר ברענגען דאָ אַ רשימה פֿון די ייִדישע סטודענטן (חוץ פּאָרטוגאַלאָוו, זעלענסקי און אוטין), וואָס זײַנען געווען פֿאַרמישט אין דער באַוועגונג אין די 60ער יאָרן און וואָס וועגן זיי ווערט קורץ דערמאָנט אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור: יוסף בערמאַן, אַלעקסאַנדער

---

104 אין די ביאָגראַפֿיעס פֿון נ. אוטינען ווערט אָנגעוויזן, אַז ער איז געבוירן אין יאָר 1845 (אַמאָל—1844), דאָס מײנט, אַז צום מאָמענט פֿון זײַן פֿאַרלאָזן רוסלאַנד אין 1863 זאָל ער זײַן אַלט געווען 18—19 יאָר; דער אָנווײַז פֿון אים אַליין, אַז ער איז דעמאָלט אַלט געווען 22 יאָר, איז אַ סימן, אַז ער איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר עלטער, ווי די ביאָגראַפֿן גיבן אָן.

105 דאָרטן, ז׳ 441.

106 אוטינס פֿרוי, נאַטאַליאַ קאָרסיני, איז סוף די 50ער יאָרן באַקאַנט געוואָרן דערמיט, וואָס זי איז געווען די ערשטע פֿרוי אין רוסלאַנד, וואָס האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו באַזוכן דעם אוניווערסיטעט (אין פּעטערבורג); זע וועגן איר די זכרונות פֿון פּ אַ נ ט ע ל ע י ע װ, ז׳ 143 א״וו. אוטין האָט מיט איר חתונה געהאַט אין דער עמיגראַציע, אין דער שווייץ.

באָרוכאָוויטש, אַנטאָן לעווענטאַל,[107] די ברידער אַלעקסאַנדער און לעאָן פֿרענקעל, אַנטאָן עטינגער, זינאָווי יאָקעלסאָן, מאַרק נאָוואָסעליצקי[108] און די ברידער וולאַדימיר און אָסיפּ באַקסט — אַלע סטודענטן פֿון פעטערבורגער הויכשולן; אויך שמואל קלאַוס, סטודענט פֿון קאַזאַנער אוניווערסיטעט.[109] אַלע זײַנען געווען אַ קורצע צײַט אַרעסטירט פֿאַרן אָנטייל אין די סטודענטישע אומרוען, אייניקע פֿון זיי פֿאַרשיקט, אָבער ניט אויף לאַנג. אַ ביסל פֿריִער, אין 1860, זײַנען אַרעסטירט געוואָרן די קיִעווער סטודענטן יונה קאַצען, גריגאָרי ראָזען און יעקבֿ שמולעוויטש, אין פֿאַרבינדונג מיט דער גרינדונג פֿון די זונטאָגשולן און טיילווײַז מיטן אויבן דערמאָנטן כאַרקאָווער קרײַזל, צוזאַמען מיט פּאָרטוגאַלאָוון און זעלענסקין.[110] פֿון די אַלע אויסגערעכנטע לוינט זיך אָפּצושטעלן נאָר אויף די ברידער באַקסט. זייער פֿאָטער, יצחק באַקסט, איז געווען לערער אין זשיטאָמירער ראַבינער־שול און געהאַט אַ נאָמען פֿון אַ באַקאַנטן משׂכּיל און תּלמודיסט.[111] ביידע זין האָבן שטודירט אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט. דער עלטערער, וולאַדימיר, איז צוגעצויגן געוואָרן פֿון די ברידער סערנאָ־סאָלאָוויאָוויטש צו אומלעגאַלער אַרבעט, בעת זיי האָבן געהאַלטן בײַם אָרגאַניזירן די „זעמליאַ אי וואָליאַ". ער איז געשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד צו גערצענען, כּדי צו אָרגאַניזירן פֿון לאָנדאָן דעם טראַנספּאָרט פֿון אומלעגאַלער ליטעראַטור, איז פֿאַרבליבן אין אויסלאַנד און איז דאָרט פֿרי געשטאָרבן (אין 1874, אין דער שווייץ).[112] אַ שײַכות צו דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט אויך געהאַט דער צווייטער, אָסיפּ: ער האָט עס צוגעשטעלט שריפֿט פֿאַר אויטינס אויבן דערמאָנטער געהיימער דרוקערײַ פֿון 1862.[113] שפּעטער ווערט ער אַ באַקאַנטער פֿאַרלעגער אין פעטערבורג, פּאָפּולאַריזירט אין רוסלאַנד די ווערק פֿון דרעפּער, שער א״אַ; ער האָט זיך אַליין אויך פֿאַרנומען מיט איבערזעצונגען און אונטער זײַן רעדאַקציע

---

107 די אַלע פּערזאָנען האָבן מיר אַרויסגענומען דער עיקר פֿונעם ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן פֿון די רעוו' טוער אין רוסלאַנד, ב' 1, טייל 2, אויפֿן סמך פֿון זייערע ייִדישע נעמען. לעווענטאַל הייסט דאָרטן אַנטאָן גאַווריִלאָוויטש (פֿון אָשמענער אויעזד), אָבער ניט געקוקט אויף זײַן ריין רוסישן נאָמען מיינען מיר דאָך, אַז ער איז אַ ייִד. אַנטאָן אָסיפּאָוויטש ראָזענטאַל, וועלכן מיר געפֿינען אויך אין לעקסיקאָן, איז ניט קיין ייִד, ער שטאַמט פֿון אדל, מסתּמא פֿון דײַטשן, ווי אויך דער באַקאַנטער באַקוניסט אין דער פּאָליט' עמיגראַציע וולאַדימיר גאָלשטיין. טיילווײַז פֿון ייִדן האָט געשטאַמט לעוו מעטשניקאָוו (אַ ברודער פֿון באַרימטן פֿיזיאָלאָג א. מעטשניקאָוו), וואָס איז געווען גאַריבאַלדיס אַדיוטאַנט און איז געשטאַנען זייער נאָענט צו גערצענען און באַזונדערס צו באַקונינען, שפּעטער אַ באַקאַנטער געלערנטער, פּראָפֿעסאָר אין דער שווייץ, מחבר פֿון דעם ווערק „די ציוויליזאַציע און די היסטאָרישע טײַכן" (געשטאָרבן אין 1888).

108 וועגן מאַרק נאָוואָסעליצקי האָבן מיר אויך געפֿונען אַן אָנווײַז אין אַרכיוו פֿון דער „חבֿרה מפֿיצי השׂכּלה": אין אַ בריוו פֿון אַ ווילנער פֿאָרשטייער, פֿון אָקטאָבער 1864, ווערט די חבֿרה געבעטן צו שטיצן דעם סטודענט נאָוואָסעליצקי, וואָס איז געווען אויסגעשלאָסן פֿון פעטערבורגער אוניווערסיטעט נאָך די אומרוען און פֿאַרשיקט און האָט דערנאָך דערלאַנגט אַ בקשה צו אַלעקסאַנדער II וועגן דערלויבן אים פֿאַרענדיקן דעם קורס אין דאָרפּאַט, און די בקשה איז באַפֿרידיקט געוואָרן.

109 חוץ דעם ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן זע אויך בורצעוו, За 100 лет, ז' 47 (2טער טייל).

110 זע לעוו דײַטש, דצ״ו, ז' 44, הערה; דער אָנווײַז דאָרט, אַז בעקמאַן (וואָס אויף זײַן נאָמען ווערט גערופֿן דער כאַרקאָווער קרײַזל) איז אויך געווען אַ ייִד, איז ניט ריכטיק, — ער שטאַמט פֿון אדל, מסתּמא פֿון דײַטשן.

111 וועגן יצחק באַקסטן זע די זכרונות פֿון מ. מרגלית אין „Восход", 1897, נומ' 6, און פֿון מ. שאַפֿיר אין ז״ב „Евр. Летопись", ב' 4 (1926), ז' 105—106.

112 לעמקע — גערצען, דאָרטן, ז' 69 א״וו; אויך ביאָ־ביבליאָגראַפֿישער לעקסיקאָן, ב' 1, טייל 2, זײַן ביאָגראַפֿיע.

113 פּאַנטעלעיעוו, זכרונות, ז' 278.

איז אָגבֿ אַרויס גרעצס לעצטער באַנד געשיכטע אין רוסיש. לויט זײַן בילדונג איז ער געווען אַן אָריענטאַליסט און האָט געדינט ווי אַ באַאַמטער אין אַזיאַטישן דעפּאַרטאַמענט פֿונעם מיניסטעריום פֿאַר אויסווייניקסטע ענינים.[114] מער באַקאַנט איז דער דריטער ברודער, פּראָפֿעסאָר ניקאָלאַי באַקסט,[115] אָבער צום רעוואָלוציאָנערן לאַגער האָט ער קיין שום שײַכות ניט געהאַט. צווישן די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן געפֿינען מיר אויך איינעם מאיר לעווענטאַל, וואָס איז געווען אַ שילער פֿון דעם וואַרשטאַט בײַם פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, דאָס מיינט, אַ קוואַליפֿיצירטער אַרבעטער, אַ מעכאַניקער. אין 1866 איז ער אַרעסטירט געוואָרן און איז געזעסן אין פּעטראָפּאַװלער פֿעסטונג. פֿון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט קען לעווענטאַל באַטראַכט ווערן ווי דער ערשטער ייִדישער אַרבעטער אין דער רעוואָלוציאָנער באַוועגונג, לײדער אָבער האָבן מיר וועגן אים קיין שום ידיעות ניט.[116]

די צופֿעליקייט אין דעם אָנטייל פֿון די אַלע דערמאָנטע פּערזאָנען אין דער באַוועגונג איז ניט געווען קיין ריין ייִדישע דערשײַנונג, זי איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַ גרויסן טייל רוסישער יוגנט בכלל אין די 60ער יאָרן. די רעוואָלוציאָנערן קומען אַרויס אין יענער צײַט כמעט אַלע פֿון די סטודענטישע קרײַזן, וואָס זײַנען פֿאַרכאַפּט פֿון „ניהיליזם“ און ראַדיקאַלע אידייען און רויט באַפֿאַרבט. בעת די רעאַקציע פֿאַרשטאַרקט זיך און די פּאָליטישע שטימונגען אין לאַנד פֿאַלן, פֿאַרלירט אַ טייל די רויטע פֿאַרב; אייניקע ווערן ליבעראַלן, די אַנדערע גייען אַוועק נאָך רעכטער און פֿאַרגעסן גיך זייערע „חטאות נעורים“. אין דעם לאַגער פֿון רעוואָלוציאָנערן פֿאַרבלײַבן נאָר יחידים, מענטשן אויסגעפּרוּווטע, וואָס קומען אַלע אום אין די תּפֿיסות, פֿאַרשיקונגען און אייניקע אויף די תּליות. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די 60ער יאָרן אָט די גרויסע צאָל שטרויענע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זײַנען ראַדיקאַל אין זייערע סטודענטישע יאָרן, גייען שפּעטער אַוועק און מאַכן קאַריערע. אַזוי צום בײַשפּיל: דער גרינדער פֿון קרײַזל „ווערטעפּניקי“ ריבניקאָוו ווערט מיט דער צײַט אַ וויצע-גובערנאַטאָר; דער צווייטער גרינדער, קאָזלאָוו, ווערט אַ רעאַקציאָנערער פּראָפֿעסאָר; דער גרינדער פֿון „וועליקאָרוס“ אָברוטשאָוו ווערט שפּעטער גענעראַל-מאַיאָר און אַפֿילו שעף פֿון רוסישן גענעראַל-שטאַב; וולאַדימיר קאָוואַלעווסקי, וואָס האָט אַלס סטודענט געהערט צו נעטשאַיעווס קרײַזל, ווערט אין 1900 וויצע-פֿינאַנץ-מיניסטער; סלעפּצאָוו, איינער פֿון די גרינדער פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ“, ווערט שפּעטער אַ הויכער באַאַמטער, אַ ווירקלעכער שטאַטראַט; אַ צווייטער טוער פֿון דער אָרגאַניזאַציע, פּאַנטעלעיעוו, ווערט אַ רײַכער ליבעראַלער פֿאַרלעגער; דעם סוף פֿון ניקאָלײַ אוטינען האָבן מיר אָקאָרשט געזען; וולאַדימיר קעלסיעוו, איינער פֿון די ערשטע פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו גערצענען, ווערט שפּעטער אַ בעל-תּשובֿה און טרעט אַרויס מיט זײַן באַקאַנטן „ווידוי“; די מיטגלידער פֿון „בעקמאַנס קרײַזל“ יעפֿימענקאָ און פּאָרטוגאַלאָוו ווערן נאָך דער פֿאַרשיקונג ליבעראַלן. אַזעלכע ווי טשערנישעווסקי, ווי מיכאַילאָוו, ווי די ברידער סערנאָ-סאָלאָוויאָוויטש, ווי זײַטשנעווסקי, אישוטין און קאַראַקאָזאָוו זײַנען דעמאָלט, אין די 60ער יאָרן, געווען יחידים. אין די 70ער יאָרן פֿאַרכאַפּן די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען ניט נאָר אַ סך ברייטערע קרײַזן, נאָר זיי דרינגען אויך אַרײַן טיפֿער אין דער נשמה און שאַפֿן קאַדערס פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע און אויסגעפּרוּווטע רעוואָלוציאָנערן.

---

114 ער איז געשטאָרבן אין 1895; זע זײַן נעקראָלאָג אין "Хроника Во:хода" ,1895, נו׳ 40.

115 ניקאָלאַי באַקסט, פּראָפֿעסאָר פֿון פֿיזיאָלאָגיע, איז געווען איינער פֿון באַקאַנטסטע און חשובֿסטע רוסיש-ייִדישע כּלל-טוער, פֿון די איניציאַטאָרן פֿון „ראַזסוועט“ 1879, ייִדישער עקספּערט אין „פּאַלענס קאָמיסיע“ אין די 80ער יאָרן און גרינדער פֿון דער געזעלשאַפֿט „אָרט“ (1880).

116 חוץ די פּאָר שורות אינעם ביאָ-ביבל׳ לעקסיקאָן, ב׳ 1, טייל 2, האָבן מיר וועגן אים ערגעץ גאָרנישט ניט געפֿונען.

III

### די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין די 70ער יאָרן.

### נעטשאַיעוו, באַקונין, נאַראָדניקעס, טעראָריסטן.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין די 70ער יאָרן האָט באַקומען איר אידעיִשע ירושה פֿון די 60ער, אָבער אין דער איבערגענומענער אידעאָלאָגיע זײַנען געווען איבערגעפֿלאָכטן צוויי אין תּוך פֿאַרשיידענע נשמות: האַרטער, נאַקעטער רעאַליזם פֿון רעוואָלוציאָנערן-ניהיליסטן, וואָס זײַנען פֿרײַ פֿון מאָראַלישע סענטימענטן און שטעלן זיך ניט אָפּ פֿאַר קיין שום מיטלען, פֿאַר קעגנגוואַלד און נקמה — פֿון איין זײַט, און רעוואָלוציאָנערער מאָראַלישער פּאַטאָס פֿון אַ יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן אָפּגעבן דאָס לעבן פֿאַר אַ הויכן אידעאַל — פֿון דער צווייטער. פּערסאָניפֿיצירט די דאָזיקע צוויי נשמות האָבן: נעטשאַיעוו — און דאָס קרײַזל פֿון די „טשאַיקאָווצעס". צום ערשטן מאָל באַווײַזט זיך נעטשאַיעוו בעת די גרויסע סטודענטישע אומרוען אין פּעטערבורג, אין 1868—1869, און איבער דער באַוועגונג לייגט זיך אַ שאָטן פֿון רעוואָלוציאָנערער דעספּאָטיע און פּאָליטישן אַמאָראַליזם.

סערגיי נעטשאַיעוו איז אפֿשר דער שטאַרקסטער מאַן, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט אַמאָל פֿאַרמאָגט. אַ טיפּישער „ראַזנאָטשינעץ", אַ זון פֿון אַ בעל-מלאָכה, האָט ער זיך ערשט צו 16 יאָר אויסגעלערנט „גראַמאָטע" און געוואָרן אַ קליינער לערער אין אַ פּעטערבורגער פֿאָלקשול.[117] אַ מענטש פֿון אײַזערנעם ווילן און ווילדער ענערגיע, שאַפֿט ער זיך זײַן סכעמע פֿון רעוואָלוציע און הייבט אָן פֿירן די גרענדע אויף גאָר אַ נײַעם שטייגער. ער איז דער טיפּישער ניהיליסט, ניט בלויז דער פּאָליטישער, נאָך אויך מאָראַלישער, און טראָגט אַרײַן אין דער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק ריין יעזויִטישע, אַמאָראַלע פּרינציפּן און מעטאָדן. אַ מענטש מיט אַ גוואַלדיקער השפּעה אויף די אַרומיקע, אימפּאָנירט ער תּחילת אַפֿילו דעם מעסיקן און סקעפּטישן גערצען, וועגן דעם ענטוזיאַסטישן באַקונין שוין אָפּגערעדט. ער באַווײַזט זיך אין זשענעווע (אין מערץ 1869) אַן אומבאַקאַנטער יונגערמאַן פֿון 21 יאָר און ציט באַלד אַריבער אויף זײַן זײַט באַקונינען און אויך גערצענס אינטימסטן פֿרײַנד און מיט-רעדאַקטאָר פֿון „קאָלאָקאָל" אָגאַריאָוון און בילדעט מיט זיי איין גרופּע. דורך אָגאַריאָוון קריגט ער אַרײַן אין זײַנע הענט „באַכמעטיעווס פֿאָנד", אַרום וועלכן ס'איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צײַט אַ שאַרפֿער סיכסוך אין דער עמיגראַציע,[118] און אַנטוויקלט אַן ענערגישע ליטעראַרישע טעטיקייט. אין משך פֿון די פּאָר חדשים אין 1869 און שפּעטער אין 1870 לאָזט זײַן אָרגאַניזאַציע אַרויס ניט ווייניקער פֿון 18 פּראָקלאַמאַציעס, 4 בראָשורעס און אַ נומער פֿון זשורנאַל „נאַראָדנאַיאַ ראַספּראַוואַ" („די פֿאָלקס-נקמה") — ממש אַ שפֿע פֿון ליטעראַטור פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע אין יענע יאָרן.[119] די אַנאָנימע פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן, וואָס זײַנען געשריבן דאָס רובֿ פֿון באַקונינען,

117 טשעקאָווע איז, וואָס נעטשאַיעוו איז אין דער פֿאָלקשול געווען אַ לערער פֿון רעליגיעזע לימודים — פֿון „זאַקאָן באָזשי"...

118 דער רײַכער רוסישער עמיגראַנט, דער געוו' פּאָמעשטשיק באַכמעטיעוו, האָט איבערגעלאָזט גערצענען פֿאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן 25 טויזנט רובל, גלײַך זיך דערווײַטערט פֿון דער וועלט און באַזעצט אויף אַן אינדזל אין אַמעריקע און איז זינט דעמאָלט פֿאַרשווונדן געוואָרן. די פּערזאָן פֿון באַכמעטיעוון איז ווייניק אויסגעפֿאָרשט.

119 די רשימה פֿון די פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורעס זע: Русская подпольная и зару-бежная печать (מאָסקווע 1935, פֿאַרל' „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"), ז. 170—176 און 23—24. חוץ די אויסגאַבעס, אויסגערעכנט דאָ און ווײַטער, האָט נעטשאַיעוו אין אויסלאַנד אויך אַרויסגעגעבן צוויי נומ' פֿון זשורנאַל „אָבשטשינאַ" און באַנײַט, נאָך גערצענס טויט (1870), אין אײנעם מיט באַקונינען און אָגאַריאָוון, דעם „קאָלאָקאָל" (אַרויס אונטער זייער רעדאַקציע 6 נומערן).

פֿון נעטשאַיעוון אַליין אָדער בשותּפֿות מיט באַקונינען און אייניקע פֿון אָגאַריאָוון, זײַנען געווענדט צו די רוסישע סטודענטן, פּויערים, צו די פּראָוויצן, אָפֿיצערן פֿון דער אַרמיי, צו די גײַסטלעכע, מעשטשאַנעס, צום סוחרים-קלאַס און אַפֿילו... צו די רוסישע דוואָריאַנעס, מיט איין וואָרט — צו אַלע עלעמענטן פֿון דער רוסישער געזעלשאַפֿט, וועמען די געהיימע און אַנאָנימע אָרגאַניזאַציע רופֿט אויפֿצוהייבן אַ בונט קעגן צאַר אין נאָמען פֿון זייערע אינטערעסן, דערבײַ זײַנען די אינטערעסן דיאַמעטראַל היפּוכדיקע. אין דעם פּרט זײַנען פֿאַר נעטשאַיעווס מעטאָדן זייער כאַראַקטעריסטיש די צוויי אויפֿרופֿן, פֿון 1869 און 1870, ענלעכע צווישן זיך, צום „מיוחסדיקן רוסישן אַדל“,[120] געחתמעט: „די קינדסקינדער פֿון ריוריקן און דער רעוואָלוציאָנערער דוואָריאַנישער קאָמיטעט“ (אָדער: „פּאַרטיי פֿון רוסישע אומאָפּהענגיקע דוואָריאַנעס“). אין די אויפֿרופֿן ווערן די דוואָריאַנעס געהעצט צו אַן אויפֿשטאַנד קעגן צאַר, דעם נישטיקן „אָפּשטאַמלער פֿון האָלשטינער פּירשטל“, וואָס האָט זיך אַרומגערינגלט מיט „פּלעבעיִשע דײַטשע אויסוואָרפֿן“, און „צו פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן און כּבֿוד פֿונעם אַלטן עכטרוסישן אַדל מיט זײַן איידלמוטיקן בלוט, וואָס איז געווען דער שאַפֿער פֿון דער רוסישער מאָנאַרכיע און מוז איצט ווידער באַקומען די מאַכט בכדי אויסצוראָטן אין רוסלאַנד די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן“, באַקעמפֿן „דאָס ליטעראַרישע געזינדל, וואָס שטאַמט פֿון די בני-חם“ און ווערן ווידער אַ פֿאָטער פֿון די פּויערים.[121] און פֿון דער צווייטער זײַט לאָזט נעטשאַיעוו אַרויס אין איינעם מיט באַקונינען אַ בראָשור, שוין באַשטימט פֿאַר רעוואָלוציאָנערן, וווּ עס ווערן אידעאַליזירט די גזלנים און רוצחים, ווי אַ שעפֿערישער עלעמענט פֿונעם רוסישן פֿאָלקסבונט: „דער גזלן — דאָס איז דער העלד, פֿאַרטיידיקער און נקמה-נעמער פֿאַרן פֿאָלק, דער פֿאַרביסענער שׂונא פֿון מלוכה... ווען די צוויי בונטן, דער גזלנישער און פּויערשער, פֿאַראייניקן זיך, ברעכט אויס די פֿאָלקס-רעוואָלוציע. אַזוי איז געווען בעת די באַוועגונגען פֿון סטענקאַ ראַזין און פּוגאַטשאָוו“.[122] אונטער נעטשאַיעווס השפּעה און אין זײַן גײַסט פֿאַרפֿאַסט באַקונין זײַן באַקאַנטן „קאַטעכיזיס פֿון אַ רעוואָלוציאָנער“. נעטשאַיעוו גיט זיך אַרויס אין זשענעווע פֿאַרן „פֿירער פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע“, אָבער די גרופּע יונגע עמיגראַנטן, בראש מיט אוטינען, וואָס האָבן נאָך פֿריִער צעריסן מיט באַקונינען, לאָזן זיך ניט פֿאַרפֿירן און הייבן אָן אַ שאַרפֿן קאַמף קעגן אים, און אין גיכן קומט די פֿראַגע פֿאַרן אינטערנאַציאָנאַל (זע אויבן). ווי מיר וועלן שפּעטער זען, זײַנען נאָך פֿריִער אין רוסלאַנד, בעת די סטודענטישע אומרוען אין 1868—1869, די הויפּט-געגנער פֿון נעטשאַיעוון געווען מאַרק נאַטאַנסאָן און לאַזאַר גאָלדענבערג, — ווידער ייִדן...

אין זשענעווע באַקומט נעטשאַיעוו פֿון באַקונינען אַ מיטגליד-קאַרטע פֿון זײַן „געהיימען אינטערנאַציאָנאַל“ (די דערמאָנטע פֿאַרשווערערישע אָרגאַניזאַציע „אַליאַנס“); דאָס גיט אים אַ מעגלעכקייט צו ריידן נאָך זײַן צוריקקער קיין רוסלאַנד (אויגוסט 1868) ווי באַקונינס אַ שליח און ער גרינדעט דאָ תּיכּף די „געזעלשאַפֿט פֿון פֿאָלקס-נקמה אָדער פֿון דער האַק“.[123] אין דער פּראָגראַם פֿון דער געזעלשאַפֿט לאַכט אויס נעטשאַיעוו די „נאַרישע און מיאוסע קינדערשפּיל“ פֿון די אידעיִשע קרײַזלעך. „מיר, שרײַבט ער, האָבן נאָר איין פּלאַן — אַ נ ע ג אַ צ י ע: די אומברחמנותדיקע צעשטערונג... בויען

---

[120] „К благородному российскому дворянству“.

[121] די בײדע פּראָקלאַמאַציעס זײַנען איבערגעדרוקט אין „Красный Архив“ ב׳ 22, (1927), זז׳ 241—246; דער מחבר פֿון דער ערשטער פּראָקלאַמאַציע איז געווען באַקונין, אין 1870 האָט נעטשאַיעוו זי איבערגעמאַכט, מער פֿאַרשאַרפֿט און ווידער אַרויסגעלאָזט.

[122] וו. גאָראָכאָוו, Русская секция I-го Интернационала (מאָסקווע 1925), ז׳ 31.

[123] אין רוסיש: „Общество народной расправы или топора“.

איז ניט אונדזער זאַך, דאָס וועלן טון די, וואָס וועלן קומען נאָך אונדז".[124] „מאָראַליש איז פֿאַרן רעוואָלוציאָנער נאָר דאָס, — שרײַבט ער אין אַן אַנדער אָרט, אין די כּללים, צונויפֿגעשטעלט פֿאַר זײַנע אָנהענגער, — וואָס קען העלפֿן דעם טריומף פֿון רעוואָלוציע"; „די נאַטור פֿון אַן אמתן רעוואָלוציאָנער שליסט אויס יעטווידע ראָמאַנטיק, רחמנות, אידעאַליזאַציע און ענטוזיאַזם"; „אונדזער אויפֿגאַבע איז — אַ מוראדיקער, פֿולקומענער חורבן, אָן שום רחמנות".[125] ווער ס'איז ניט מסכּים, דעם מוז מען אויסראָטן. און נעטשאַיעוו שטעלט זיך ניט אָפּ פֿאַר פּראָוואָקאַציע, קרימינעלן שווינדל און אַפֿילו מאָרד — „אַד גלאָריאַם" פֿון דער רעוואָלוציע: אין נאָוועמבער 1869 דערהרגעט ער, אין איינעם מיט עטלעכע חבֿרים, דעם סטודענט איוואַנאָוו, אַ מיטגליד פֿון זײַן גרופּע, וועלכער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן זײַן דיקטאַטור. באַלד נאָך דעם אַנטלויפֿט נעטשאַיעוו אַ צווייטן מאָל קיין אויסלאַנד, אָבער ער ווערט פֿון דער שווייצער רעגירונג אָנהייב 1872 אַרויסגעגעבן רוסלאַנד.[126]

אַ דאַנק זײַן ממש היפּנאָטישער קראַפֿט באַקומט נעטשאַיעוו אַ השפּעה אויף אַ טייל פֿון דער יוגנט. אין יולי 1871 קומט פֿאָר אין פּעטערבורג דער גרויסער פּראָצעס פֿון די „נעטשאַיעווצעס", אין וועלכן די פּאָליציי ציט אַרײַן 87 פּערזאָן. אַ סך פֿון זיי האָבן זיך מיט נעטשאַיעוון אייגנטלעך גאָר ניט אָנגעקערט, די איבעריקע האָבן באמת געזען אין נעטשאַיעוון דעם נײַעם משיח פֿון רעוואָלוציע און זײַנען בלינד נאָך אים נאָכ־געגאַנגען. אויפֿן פּראָצעס ווערן אויפֿגעדעקט נעטשאַיעווס מעטאָדן און די געשיכטע מיט איוואַנאָווס מאָרד, און דער נאָמען „רוסישער ניהיליסט" ווערט פֿאַרמיאוסט פֿאַר דער גאַנצער וועלט.[127] דער פּראָצעס גיט דאָסטאָיעווסקין דעם שטאָף פֿאַר זײַן געניאַלן ראָמאַן־פּאַמפֿלעט „די שדים". נאָך פֿריִער האָט זיך גערעצן, פֿאַר זײַן טויט, אָפּגעגרענעצט פֿון נעטשאַיעוון, און אַפֿילו באַקונין מוז זיך איצט פֿון אים אָפּזאָגן. דער אינטער־נאַציאָנאַלער סאָציאַליזם, בראש מיט מאַרקסן, האָט שאַרף פֿאַראורטיילט נעטשאַיעווס מעטאָדן און באַקונינס באַטייליקונג.

מיר האָבן זיך דעריבער אַזוי אויספֿירלעך אָפּגעשטעלט אויף דער פּערזאָן פֿון נעטשאַיעוון, מחמת ער איז ניט געווען קיין עפּיזאָדישע פֿיגור אין דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָר אַן אָרגאַנישער עלעמענט אירער, און זײַן שיטה און זײַנע מעטאָדן זײַנען שפּעטער, אין פֿאַרשיידענע גילגולים, ניט איין מאָל אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים, נאָך ביז אונדזער צײַט. און אויך מחמת דעם, וואָס אָן דעם קאַפּיטל נעטשאַיעוו איז שווער צו פֿאַרשטיין דעם גײַסט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווי זי האָט זיך אַנטוויקלט אין די 70ער יאָרן. און ספּעציעל פֿאַר אונדזער טעמע איז וויכטיק אויך דער מאָמענט, אַז אין דער באַוועגונג קעגן נעטשאַיעוון האָבן ייִדן־רעוואָלוציאָנערן געשפּילט ניט די לעצטע ראָלע.

די גרעסטע מערהייט פֿון דער אידעאַליסטישער רוסישער יוגנט האָט זיך אָפּגעקערט פֿון נעטשאַיעווס מעטאָדן, און בעצם גייט די גאַנצע ווײַטערדיקע באַוועגונג

124 זע: ב. באזילעווסקי (באָגוטשאַרסקי) Государственные преступления в России в 19 веке (שטוטגאַרט 1904—פּאַריז 1905, דרײַ בענד), ב׳ 1, ז׳ 289—410, פּראָצעס פֿון די נעטשאַיעווצעס; מ. קאָוואַלענסקי, Русская революция в судебных процессах и мемуарах (מאָסקווע 1923) ב׳ 1, ז׳ 37 א״וו.

125 דאָרטן.

126 אגבֿ איז נעטשאַיעוו צופֿעליק געווען אין פּאַריז, בעת ס'האָט אויסגעבראָכן דער אויפֿשטאַנד פֿון די קאָמונאַרן.

127 דער פּראָצעס איבער נעטשאַיעוון גופֿא איז פֿאָרגעקומען ערשט שפּעטער, אין יאַנואַר 1873, נאָך דעם ווי די שווייץ האָט אים, ווי אַ קרימינעלן פֿאַרברעכער, אַרויסגעגעבן. ער איז געוואָרן פֿאַרמשפּט צו אייביקער קאַטאָרגע און איז געשטאָרבן אין פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג אין 1883.

אונטערן צייכן פֿון ווידערשטאַנד און רעאַקציע קעגן זײַן נוסח פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע. די גרינדונג פֿונעם קרײַזל „טשאַיקאָווצעס“ אין 1871—1872, וואָס פֿון זײַנע רייען זײַנען אַרויס די שענסטע גײַסטער פֿון דער רעוואָלוציע אין יענער תּקופֿה, די באַרימטע באַוועגונג פֿון די נאַראָדניקעס אין 1873—1874 „אין פֿאָלק אַרײַן“ און איר ווײַטערדיקע אויספֿורעמונג און עוואָלוציע, דער גײַסט פֿון גרויסן מאָראַלישן פּאַטאָס בײַ די קעמפֿער פֿון די 70ער יאָרן — דאָס אַלץ קען באַטראַכט ווערן ווי אַ מין ענטפֿער פֿון דער אידעאַליסטישער יוגנט אויפֿן רעוואָלוציאָנערן אַמאָראַליזם פֿון דער נעטשאַיעווטשטשינע.

די רעוואָלוציאָנערן ווערן ניט נאָר אַפּאָסטאָלן און מיסיאָנערן פֿון פֿאָלקס-סאָציאַליזם, נײַערט אויך מאַרטירער און באַצאָלן דערפֿאַר מיט אומגעהײַערע קרבנות. בעת די גרויסע אַרעסטן אָנהייב די 70ער יאָרן ווערן צוגעצויגן צום געריכט איבער 1600 פּערזאָן, 1054 פֿון זיי באַקומען שטראָפֿן, אַ טייל זייער האַרבע. עס קומט פֿאָר איין פּראָצעס נאָכן צווייטן, וואָס רײַסן אַרויס די בעסטע פֿון די רעוואָלוציאָנערע רייען: דער „פּראָצעס פֿון די דאָלגושינצעס“ (1874), דער „פּראָצעס פֿון די 50“ (1877), דער „פּראָצעס פֿון דרום-רוסישן אַרבעטער-פֿאַרבאַנד“ (1877) און ענדלעך דער אַ״ג „גרויסער פּראָצעס“ אָדער דער „פּראָצעס פֿון די 193“, וואָס האָט זיך געצויגן אין סענאַט פֿון סעפּטעמבער 1877 ביז סוף יאַנואַר 1878. אויפֿן פּראָצעס פֿון די 50 זײַנען 15 פּערזאָן פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע, צווישן זיי 6 פֿרויען, די איבעריקע פֿאַרשיקט קיין סיביר אָדער אין די תּפֿיסות; אויפֿן פּראָצעס פֿון די 193 זײַנען אויף קאַטאָרגע פֿאַרמשפּט געוואָרן—28, פֿאַרשיקט קיין סיביר 39; די צוגעצויגענע צום געריכט אין דעם פּראָצעס פֿון די 193 זײַנען כּמעט דרײַ און אַ האַלב יאָר אָפּגעזעסן, איידער דער משפּט איז פֿאָרגעקומען, און אין משך פֿון דער צײַט זײַנען געשטאָרבן אין די תּפֿיסות 43 פּערזאָן, האָבן זיך גענומען דאָס לעבן 12, זײַנען אַראָפּ פֿון זינען 33! דערבײַ איז דער פּראָצעס פֿון די 193 ניט געווען פֿון די האַרבסטע אין רוסלאַנד.

געווירקט אויף די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען פֿון דער יוגנט האָבן פֿאַרשיידענע מאָמענטן: דער וווּקס פֿונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, דער אויפֿשטאַנד פֿון די פּאַריזער קאָמונאַרן, און נאָך שטאַרקער—ריין-רוסישע אידעאָלאָגישע און ליטעראַרישע מאָמענטן: טשערנישעווסקיס ראָמאַן „טשטאָ דעלאַט?“ („וואָס זאָל מען טון?“), וואָס ער האָט אָנגעשריבן זיצנדיק אין דער פּעסטונג (1867), מירטאָוו—לאַוראָווס „היסטאָרישע בריוו“ (1868), דער לעגאַלער נאַראָדנישער זשורנאַל „אָטעטשעסטווענייע זאַפּיסקי“ און ניט אין אַ קלענער מאָס די ערשטע איבערזעצונגען פֿון לאַסאַלס ווערק און באַזונדערס פֿון מאַרקס „קאַפּיטאַל“ אין רוסיש.[128] אפֿשר די גרעסטע השפּעה האָט באַקומען די אויסלענדישע אומלעגאַלע ליטעראַטור: לאַוראָווס זשורנאַל „וופּעריאָד“ (פֿון יאָר 1873) און מער פֿאַר אַלץ די אַנאַרכיסטישע ווערק פֿון באַקונינען. באַקונין, דער געוועזענער

123 דער „קאַפּיטאַל“ איז צום ערשטן מאָל אַרויס אין רוסיש אין 1872 (דער 1טער באַנד), אין פּעטערבורגער פֿאַרלאַג פֿון מ. פּאָליאַקאָוו; דאָס ערשטע קאַפּיטל איז איבערגעזעצט געוואָרן פֿון הערמאַן לאָפּאַטין, ווײַטער — פֿון ניקאָלאַי — אָן (באַקאַנטער נאַראָדנישער שרײַבער נ. דאַניעלסאָן); די צענזור האָט דעמאָלט דאָס בוך דורכגעלאָזט און ערשט אין 1884 איז עס אַרײַן אינעם אינדעקס פֿון די פֿאַרבאָטענע ביכער. אין 1885 איז אַרויס אין רוסיש דער 2טער באַנד. אַ נײַע איבערזעצונג, געמאַכט פֿון זשעניע הורוויטש און ל. זאַק, איז אַרויס אין 1899, אונטער דער רעד׳ פֿון פּ. סטרווע. (זע זכרונות וועגן דעם פֿון י ע ו ו. ה ו ר ו ו י ט ש, אין זש׳ „Летописи Марксизма“ מאָסקווע 1926, נר׳ 1, ז׳ 91). נאָך פֿאַר דעם „קאַפּיטאַל“ איז אין רוסיש אַרויס דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט“, איבערגעזעצט פֿון באַקונינען, געדרוקט אין לאָנדאָן אין 1870, אין דרוקערײַ פֿון „קאָלאָקאָל“. כאַראַקטעריסטיש, אַז בעת דער „קאַפּיטאַל“ איז אַרויס אין רוסיש האָט אים דער באַרימטער נאַראָדנישער שרײַבער נ. מ י כ א י ל אָ ו ס ק י באַגײַסטערט אויפֿגענומען, אָבער אויסגעטײַטשט אינעם גײַסט פֿון דער נאַראָדנישער טעאָריע...

רוסישער אַריסטאָקראַט, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַ וועלטבונטאַר, אין אַ רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיקער, וואָס האָט געהאַט עליות און ירידות און וואָס זײַן גײַסט האָט אים געטראָגן איבער אַלע אייראָפּעיִשע צענטערס, ווי עס האָט גאָר געשמעקט מיט אויפֿשטאַנד, וואָס איז אין אויסלאַנד געווען פֿאַרמשפּט צום טויט, איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פֿון דער רוסישער רעגירונג, פֿאַרשיקט קיין סיביר און איז ווידער אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, ווי זײַן אומרויִקער גײַסט האָט ווידער געבונטעוועט אין פֿאַרשיידענע לענדער, — אָט דער פֿאָטער פֿון שטורעמדיקן אַנאַרכיזם האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויף די געמיטער פֿון דער רוסישער יוגנט און איז געוואָרן דער אָנערקענטסטער אויטאָריטעט אין משך פֿון די גאַנצע 70ער יאָרן. זײַן הויפּטווערק „מלוכהשאַפֿט און אַנאַרכיע" (1873) ווערט די עוואַנגעליע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט. די געשיכטע פֿון רוסישן פֿאָלק, שרײַבט באַקונין אין דעם ווערק, איז איין אומאויפֿהערלעכער קאַמף מיטן עצם געדאַנק פֿון מלוכהשאַפֿט אין נאָמען פֿון אַנאַרכיע; די „ראַסקאָלניקעס" און די אַנדערע סעקטאַנטן, סטענקאַ ראַזין, פּוגאַטשאָוו און די אַנדערע אָנפֿירער פֿון די פּויערים-אויפֿשטאַנדן אין 17טן—18טן י"ה, זיי אַלע זײַנען „פֿאָלקס-סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן"; דאָס פֿאָלק, דאָס מיינט דער פּויער, איז אַ רעוואָלוציאָנער און אַ סאָציאַליסט לויטן אינסטינקט, און מ'דאַרף אים נאָר געבן דעם שטויס דערצו — און דאָס איז די אויפֿגאַבע פֿון דער אינטעליגענץ. אין תּוך האָט דאָס אייגענע געלערנט אויך דער צווייטער רעוואָלוציאָנערער טעאָרעטיקער פֿון יענער צײַט, לאַוראָוו. דער חילוק צווישן זיי איז נאָר אין די מעטאָדן: „הכשרה" און פּראָפּאַגאַנדע — בײַ לאַוראָוון, און באַלדיקע מעשׂים און אַגיטאַציע פֿאַר אַ בונט — בײַ באַקונינען. דער לעצטער מעטאָד אָבער אימפּאָנירט מער דער יוגנט, ווי לאַוראָווס מעסיקערע און קולטור-טרעגערישע פּראָגראַם, און באַקונין איז גובֿר לאַוראָוון.

באַקונין און לאַוראָוו שטעלן מיט זיך פֿאָר צוויי ריכטונגען אינעם רוסישן סאָציאַליזם, אָבער ביידע גייען זיי זיך צונויף, אַז רוסלאַנד האָט זײַן אייגענעם דרך. דאָס בילדעט דעם תּוך פֿון רוסישן „פֿאָלקיזם" („נאַראָדניטשעסטוואָ")[129], וואָס ווערט די הערשנדיקע טעאָריע כּמעט אויף צוויי יאָרצענדלינגער. די אינטעליגענץ איז שולדיק אַ היסטאָרישן און מאָראַלישן חובֿ דעם פֿאָלק, דאָס מיינט דעם פּויער, וואָס אויף זײַן פּראַצע האַלט זיך די וועלט און באַזונדערס די רוסישע וועלט, און איצט איז געקומען די צײַט אים דעם חובֿ אָפּצוגעבן. די אידעאַליסטיש געשטימטע יוגנט דערזעט דאָס פּויערטום אין זײַן פּײַן און פֿינצטערניש און דערפֿילט איר אָפּגעריסנקייט פֿון אים. די „טשאַיקאָווצעס" שטעלן זיך די ערשטע די אויפֿגאַבע צו טראָגן ליכט אין דאָרף, און אין 1873—1874 קומט אויף די באַרימטע באַוועגונג פֿון „גיין אין פֿאָלק"[130], פֿון אָפּצאָלן אים דעם חובֿ פֿאַר די פּריווילעגירטע קלאַסן, אַ באַוועגונג פֿון תּשובֿה און אַסקעטישן עקסטאַז, מיט אַ ריין-רעליגיעזן קולט פֿון פּויער און פֿיזישער אַרבעט. מחנות רעוואָלוציאָנערע יוגנט, מענער און פֿרויען, לאָזן זיך צוועק פֿרילינג 1874 איבער די דערפֿער אין גאַנץ רוסלאַנד, פֿאַרפּויערט אין גוף און נשמה, רעוואָלוציאָנערע פּרושים, מיט אַ ביטול-היש פֿאַר אינטעליגענטישע פּריווילעגיעס און רגילותן און מיט דער שטרעבונג צו לעבן דאָס לעבן פֿונעם דאָרפֿישן האָרעפּאַשניק, צונויפֿגיסן זיך מיט אים, טיילן זײַנע ליידן און ביטערע פּראַצע און עפֿענען אים די אויגן אויף דער סאָציאַליס-

---

129 מיר באַנוצן ניט דעם אויסדרוק „נאַראָדניטשעסטוואָ" (народничество), מחמת דער סלאַווישער סופֿיקס איז צו האַמעטנע פֿאַר ייִדיש, און מיר פֿאַרבײַטן אים מיט „פֿאָלקיזם", הגם גאָר קיין גראָטענער אויסדרוק איז דאָס אויך ניט; ד"ר ח. זשיטלאָווסקי באַנוצט אין זײַנע זכרונות „פֿאָלקסטימלערטום", וואָס איז לויט אונדזער מיינונג נאָך ווייניקער געראָטן. מיר שרײַבן אָבער „נאַראָדניק", „נאַראָדנישער", וואָס פּאַסט זיך פֿאַר ייִדיש. מיר מײַדן שפּעטער אויך אויס „נאַראָדאָוואָלטשעסטוואָ", אָבער באַנוצן „נאַראָדאָוואָלצעס".

130 אין רוסיש: хождениe в народ.

טישער גאולה, וואָס דאַרף באַלד קומען.[131] די דאָזיקע מאַסן-עליה אין פֿאָלק מיט איר מסירת-נפֿש האָט ניט געהאַט איר גלײַכן אין דער געשיכטע.

די רעוואָלוציאָנערע יוגנט האָט טיף געגלייבט, אַז דער פֿויער וואַרט אויף דער שעה פֿון אויסלייזונג און איר שטים וועט באַלד דערהערט ווערן. אָבער קומענדיק אין דאָרף, האָבן די רעוואָלוציאָנערן זיך באַלד איבערגעצײַגט, אַז זיי שטייען פֿאַר אַ וואַנט. דאָס דאָרף, ווו ס'האָט כּמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט געברויזט מיט סטיכישע בונטן, אָן שום הילף און אָנווײַז פֿון דעם אינטעליגענט און פֿון דער שטאָט בכלל, איז איצט געבליבן לחלוטין גלײַכגילטיק, סקעפּטיש און אַפֿילו פֿײַנטלעך צום פּאַטאָס און צו דער מסירת-נפֿש פֿונעם אינטעליגענט. דער „געבווירענער סאָציאַליסט", דער הייליקער היטער פֿון דער „אָבשטשינע", האָט פֿון סאָציאַליזם ניט געוואָלט הערן. דער חידוש און די אַנטוישונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ איז געווען אין לשער.[132] „די צײַטן פֿון פּוגאַטשאָוון זײַנען פֿאַרבײַ, די מלוכהשאַפֿט האָט באַוויזן צו דערשטיקן די נאָמאַדישע קאַמף-אינסטינקטן פֿון פֿאָלק" — האָט געמוזט מודה זײַן איינער פֿון די, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם דאָזיקן נסיון.[133] „עס איז לײַכטער אויפֿצוהייבן די פּויערים קעגן צאַר, ווי אײַנרעדן זיי, אַז פּריוואַט-אייגנטום איז ניט נייטיק" — דערציילט וועגן זײַנע אײַנדרוקן דער באַקאַנטער נאַראָדניק באַגאַ-ליובאָוו.[134] די ערשטע באַגעגעניש פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ פּנים אל פּנים מיטן פּויערטום האָט באַוויזן, אַז דאָס זײַנען צוויי וועלטן, פֿרעמדע איינע דער אַנדערער. דער כּוח פֿון אוטאָפּיזם איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז דער ביטערער נסיון שוואַכט ניט אָפּ, נײַערט פֿאַרשטאַרקט נאָך מער די בונטאַרישע שטימונגען בײַ דער יוגנט, און די מעסיקע לאַווריסטן פֿאַרשווינדן אין גאַנצן. די רעוואָלוציאָנערן באַשליסן צו ענדערן די טאַקטיק און צו גרינדן „שטענדיקע היימען" פֿון יחידים, וואָס זאָלן פֿעסט באַזעצן זיך אין די דערפֿער און שוין ווי היימישע גרייטן צו אַן אויפֿשטאַנד. אָבער אויך דער דאָזיקער פּרוּוו גערעט ניט, און ערשט דעמאָלט באַשליסן די רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס קומען זיך צונויף צוריק אין די שטעט, אַז מ'מוז אַפֿריִער שאַפֿן אַן אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע, אַ פֿאַראייניקטע און פֿעסטע — ביז דעמאָלט האָבן עקסיסטירט נאָר איינצלנע, זעלבשטענדיקע קרײַזלעך און גרופּעס. אַזוי ווערט געשאַפֿן די ערשטע גרויסע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, די „זעמליאַ אי וואָליאַ" (די צווייטע). דער רעוואָלוציאָנערער אוטאָפּיזם איז נאָך אַזוי גרויס, אַז אינעם ערשטן נומער פֿון איר אָרגאַן דערקלערט די נײַע אָרגאַניזאַציע, אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז „אַ פֿראַגע פֿון טעג" און אַפֿילו „פֿון שעהן".[135]

צווישן די פּאַראַדאָקסן פֿון דער נאַראָדנישער טעאָריע איז אפֿשר דער גרעסטער געווען דער, וואָס פֿאַקטיש האָט זי פֿאַרהיילִיקט די קאָנסערוואַטיווע פֿאָרמען פֿונעם אַלטן אַגראַרן רוסלאַנד און אין דעם פּרט געצויגן איר אמתע יניקה פֿון די ס ל אַ וו אָ פֿ י ל ן. נאָך אין די 40ער יאָרן האָבן די סלאַוואָפֿילן די ערשטע פֿאָרמולירט דעם געדאַנק, אַז רוסלאַנד האָט זיך זײַן אייגענעם היסטאָרישן דרך, אַנדערש ווי דער „צעפֿוילטער קאַפּיטאַליסטישער מערבֿ"; דאָס רוסישע פֿאָלק האָט געשאַפֿן די אייגנאַרטיקע פֿאָרם פֿון

---

131 פֿ"גל די באַרימטע מעמואַרן פֿון ק ר אָ פּ אָ ט ק י ן Записки революционера.

132 פֿ"גל, למשל, די זכרונות פֿון ע. ס ע ר ע ב ר י אַ ק אָ וו "Очерки по историй „Земли и Воли (פּעטערבורג 1906), ז' 5 א"וו.

133 זע דצ"וו פֿון מ. ק אָ וו אַ ל ע נ ס ק י, ב' 1, ז' 184.

134 מיר ציטירן לויטן אויבן דערמאָנטן בוך פֿון מ. ב אַ ל אַ ב אַ נ אָ וו, וועגן דער געשיכטע פֿון דער רעוו' באַוועגונג (רוס'), ז' 74.

135 פֿג"ל וו. ב אָ ג ו ט ש אַ ר ס ק י, Из истории политической борьбы в 70-х и 80-х гг; (מאָסקווע 1912), ז' 452.

קאָלעקטיוון ערד־אייגנטום, די „אָבשטשינע“, דער קאַפּיטאַליזם און די מערבֿ־אייראָפּעיִשע מלוכהשאַפֿט זײַנען אים אָרגאַניש פֿרעמד און זײַן מיסיע איז גײַסטיק צו באַנײַען די וועלט. די שפּעטערדיקע רעאַקציאָנערע סלאַוואָפֿילן האָבן דערפֿון געמאַכט זייערע אויספֿירן: וועגן דעם היסטאָרישן פֿאַרבונד צווישן פֿאָלק און צאַר און דעם הייליקן פֿײַער פֿון ביזאַנטישן קריסטנטום. גערצען, באַקונין און טײלווײַז לאַווראָוו האָבן די גרונד־אידעען פֿון די סלאַוואָפֿילן איבערגעניצעוועט אויף דער לינקער זײַט: דאָס פּויערים־פֿאָלק, וואָס האָט געשאַפֿן די אינסטיטוטן פֿון „אָבשטשינע“, „אַרטעלן“, פֿון קהלשער באַהאַנדלונג פֿון זײַנע אינטערעסן („מירסקאַיאַ סכאָדקאַ“), איז אַ געבוירענער קאָלעקטיוויסט, אַ געגנער פֿון קאַפּיטאַליזם און מלוכהשאַפֿט און איז באַרופֿן אַריבער־צושפּאַנען די קאַפּיטאַליסטישע סטאַדיע פֿון מערבֿ־אייראָפּע און קומען דירעקט צום סאָציאַליזם, באַווײַזנדיק דער וועלט אַ בײַשפּיל. אין דער פּראָגראַם־פּראָקלאַמאַציע פֿון שעלגונאָוו—מיכאַילאָוו „צום יונגן דור“ פֿון 1861 ווערט דאָס בולט אויסגעדריקט: „מיר דאַרפֿן בענטשן אונדזער גורל, וואָס מיר האָבן ניט געלעבט דאָס לעבן פֿון אייראָפּע... מיר ווילן ניט איר פּראָלעטאַריאַט, איר אַריסטאָ־קראַטיזם, אירע מלוכה־פּרינציפּן... מיר ווילן אײַנהאַלטן דעם קאָלעקטיוון ערד־אייגנטום פֿון דער אָבשטשינע“.[136] דאָס זײַנען געווען ווערטער, וואָס יעדער סלאַוואָפֿיל וואָלט זיך אונטער זיי געקענט אונטערשרײַבן. אמת, דער אָנגעזעענסטער טעאָרעטיקער אין די 60ער יאָרן, טשערנישעווסקי, איז ווײַט פֿון אַזאַ סלאַוואָפֿילישער אַרגומענטאַציע, אָבער אויך ער זעט דעם קערן פֿון רוסישן סאָציאַליזם אין דער „אָבשטשינע“, און אַזאַ וויכטיקער טעאָרעטיקער און פֿירער ווי באַקונין איז דורך און דורך סלאַוואָפֿיליש און די ערשטע צײַט אַפֿילו פּאַנסלאַוויסטיש, און דערבײַ פֿײַערדיק רעוואָלוציאָנער. דאָס טשעקאַווע איז, וואָס אַנטדעקט אַזוי צו זאָגן די „אָבשטשינע“ פֿאַרן רוסישן אינטעליגענט האָט גראָד אַ דײַטש אין אויסלאַנד און ווײַט ניט קיין סאָציאַליסט.[137] די אידעאָלאָגיע פֿון די נאַראָדניקעס איז לויט איר מקור און תּוך געווען אַ טיף רוסישע, אַ היימישע, אַ נאַציאָנאַלע. ניט אומזיסט זײַנען די נאַראָדניקעס און שפּעטער די „נאַראָדאָוואָלצעס“ געווען אַזוי ווינציק פֿאַרבונדן מיטן סאָציאַליזם און דער אַרבעטער־באַוועגונג אין מערבֿ־אייראָפּע, גלײַכגילטיק צו איר און אָפֿט אַפֿילו געגנעריש, הגם טעאָרעטיש האָבן זיי זיך געהאַלטן פֿאַר אינטערנאַציאָנאַליסטן און הגם זייער לערער באַקונין איז געווען דער אַפּאָסטאָל פֿון רעוואָלוציע אויך אין מערבֿ־אייראָפּע. מיט אַ געוויסן ווידערגעפֿיל און פֿון אויבן אַראָפּ האָבן די רוסישע נאַראָדניקעס געקוקט אויף דעם עקאָנאָמישן און באַזונדערס פּאָליטישן טאָגטעגלעכן קאַמף פֿון די מערבֿ־אייראָפּעיִשע אַרבעטער, וואָס זײַנען „דעמאָ־ראַליזירט פֿונעם פּאַרלאַמענטאַריזם“. „שוין צײַט אַראָפּצוּוואַרפֿן פֿונעם סאָציאַליזם זײַנע דײַטשע [געמיינט — בכלל אויסלענדישע] בגדים און אָנטון אַ פּויערשן פּעלץ“ — האָבן געשריבן די נאַראָדניקעס.[138] רעוואָלוציע האָט בײַ זיי געהייסן — אויפֿשטאַנד! און בעת אין 1875—1876 האָבן די באַלקאַנישע קריסטן אויפֿגעהויבן אַן אויפֿשטאַנד קעגן טערקײַ,

---

136 די פּראָקלאַמאַציע איז איבערגעדרוקט בײַ ב. באַזילעווסקי (באָגוטשאַרסקי), מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער רעוו׳ באַוועגונג אין רוסלאַנד (רוס׳).

137 דער ערשטער, וואָס האָט גענוי באַשריבן דעם אינסטיטוט פֿון דער רוסישער „אָבשטשינע“, איז געווען דער דײַטשער פֿאָרשער Haxthausen אין זײַן באַקאַנטן בוך: Studien über die innere Zustände, das Volksleben und insbesondere die ländliche Einrichtungen Russlands. דאָס בוך איז אַרויס 1847, שפּעטער איבערגעזעצט געוואָרן אין ענגליש און פֿראַנצײזיש און ערשט אין 1869 אין רוסיש.

138 ציטירט לויטן בוך פֿון מ. באַלאַבאַנאָוו, קאַפּ׳ וועגן די נאַראָדניקעס.

האָבן זיך צוהין אַוועקגעלאָזט אָנגעזעענע רוסישע נאַראָדנישע פֿירער,[139] וואָס האָבן ערשט שפּעטער באַמערקט, אַז הינטער די באַלקאַנישע אינסורגענטן שטייט דער שאָטן פֿון רוסישן צאַר.

אַ פּאַראַדאָקס איז אויך געווען, וואָס די נאַראָדנישע באַוועגונג, אויסגעהאָדעוועט אויף די אידעען פֿון אַטעיזם און פּאָזיטיוויסטישן ניהיליזם, איז אין תּוך געווען אַ באַוועגונג פֿון ר י י ן ר ע ל י ג י ע ז ן פּאַטאָס. אַזאַ אויטאָריטעטער עדות ווי קראַווטשינסקי-סטעפּניאַק שרײַבט, אַז דער נאַראָדניק דער פּראָפּאַגאַנדיסט „האָט מער געהערט צו יענעם טיפּ, וואָס ווערט אַרויסגערוקט פֿון אַ רעליגיעזער באַוועגונג, ווי פֿון אַ רעוואָלוציאָנערער; סאָציאַליזם איז געווען זײַן רעליגיע, דאָס פֿאָלק — זײַן אָפּגאָט".[140] „עס קערן זיך אום די אַפּאָסטאָלישע צײַטן", גיט איבער סטעפּניאַק די שטימונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט. באַזונדערס קלאָר זעען מיר דאָס אויף דעם בײַשפּיל פֿון דער ערשטער גרופּע, וואָס האָט זיך געלאָזט גיין אין פֿאָלק אַרײַן, — דעם סטודענט דאָלגושין און זײַנע פֿינף חבֿרים, אין 1873. אָ. אַפּטעקמאַן דערציילט אין זײַנע זכרונות, אַז בײַם אַרעסט פֿון די „דאָלגושינצעס" האָט די פּאָליציי געפֿונען בײַ זיי אַ געהיימע דרוקערײַ און צו איר גרויס חידוש אויך אַ הילצערנעם קרייץ מיט אויפֿשריפֿטן: „אין נאָמען פֿון קריסטוסן", „פֿרײַהײַט, גלײַכהייט און ברידערלעכקייט", און אויף די ווענט — רעליגיעז-פֿילאָסאָפֿישע פּסוקים אין ענגליש, לאַטײַניש און פֿראַנצייזיש, צווישן זיי אַזאַ: „יעדער מענטש אין התקרבֿות צום פֿאָלק — איז גאָטס שליח".[141] „איך האָב ניט איין מאָל געזען — שרײַבט ווײַטער אַפּטעקמאַן, — ווי די יוגנט, קלײַבנדיק זיך צו גיין אין פֿאָלק, האָט געלייענט די עוואַנגעליע און ביטער איבער איר געוויינט", מען פֿלעגט מיטנעמען מירטאָווס „היסטאָרישע בריוו" און אויך — די עוואַנגעליע, און ניט נאָר צוליב צוועקן פֿון פּראָפּאַגאַנדע.[142] דער באַקאַנטער נאַראָדנישער שרײַבער פֿלעראָווסקי-בערווי האָט דעמאָלט געשאַפֿן אַ ספּעציעלע טעאָריע וועגן דער „רעליגיע פֿון ברודערשאַפֿט"; דער נאַראָדניק מאַליקאָוו, אַ מיסטיש-רעליגיעזע נאַטור, האָט געשאַפֿן אַ טעאָריע פֿון „גאָט—מענטש" און געהאַט אָנהענגער, צווישן זיי אַפֿילו דעם באַקאַנטן טשאַיקאָווסקין, און איז מיט זיי אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, וווּ זיי האָבן געפּרוּווט גרינדן אַ רעליגיעז-קאָמוניסטישע קאָלאָניע.[143] מוראַווסקי, פֿונעם „כאַרקאָווער קרײַזל", וואָס איז צוויי מאָל פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע, האָט אין תּפֿיסה געחלומט פֿון אַ „נײַער נאַראָדנישער רעליגיע" און געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ הייליקן („פֿאָטער מיטראָפֿאַן").[143a] עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די פֿיגור פֿון קריסטוסן שפּילט ניט קיין קליינע ראָלע אין דער פּסיכאָלאָגיע פֿון די רעוואָלוציאָנערן. אַפֿילו נעטשאַיעוו שרײַבט אין זײַן פּראָקלאַמאַציע צו דער יוגנט: „פֿאָלגט די ווערטער פֿון ערשטן רעוואָלוציאָנערן אַגיטאַטאָר — קריסטוסן". וועגן זײַן גלויבן אין קריסטוסן רעדט זשעליאַבאָוו אויפֿן פּראָצעס ערבֿ דער תּליה: „איך בין קעגן פּראַוואָסלאַוויע, אָבער

---

139 אַזוי, למשל: קראַווטשינסקי-סטעפּניאַק, קלעמענס, סאַזשין, עס האָט זיך אויך געקליבן גיין זשעליאַבאָוו; אויך איניקע יידן-רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך אַהין אַ לאָז געטאָן, ווי למשל: כאָטינסקי, דאַווידאָוויטש (פֿון ווילנער קרײַזל).

140 ס ט ע פּ נ י אַ ק, Подпольная Россия, ז' 15, 17.

141 שפּעטער איז דאָלגושין אומגעקומען אין דער שליסלבורגער פֿעסטונג און זײַנע חבֿרים — אויף קאַטאָרגע, איינער פֿון זיי — אין משוגעים-הויז.

142 אָ. אַ פּ ט ע ק מ אַ ן, Общество „Зе[illegible] и Воля" 70-х годов (פּעטראָגראַד 1924), 2טע אויפֿל', ז' 90 א"ה.

143 מאַליקאָוו, אַ רעליגיעזער זוכער, איז שפּעטער אָפּגעגאַנגען פֿון דער רעוואָלוציע; געשט' אין ווילנע 1904.

143a זע די זכרונות פֿון ס. ק אָ ו ו אַ ל י ק אין "Былое„ 1906, נו' 10, ז' 28.

איך אָנערקען די יסודות פֿון קריסטוסעס לערע... איך דערקלער פֿײַערלעך, אַז יעדער ערלעכער קריסט דאַרף קעמפֿן פֿאַרן אמת, פֿאַר די רעכט פֿון די גערודפֿטע און שוואַכע".[144] דאָס נעמען אויך איבער רעוואָלוציאָנערן־ייִדן: דער טעראָריסט וויטענבערג אין זײַן בריוו פֿאַרן טויט און גריגאָרי גאָלדענבערג — אין זײַן ווידוי פֿאַרן זעלבסט־מאָרד (זע ווײַטער). איינער פֿון „דאָלגושינצעס" האָט זיך אַפֿילו אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק, אַז די אמונה אין צאַר קען מען שלאָגן נאָר דורך שאַפֿן אַ רעוואָלוציאָנערע רעליגיע פֿון אַ „קעגן־צאַר" און אײַנפֿירן אַפֿילו אַ קאַטעכיזיס און רעוואָלוציאָנערע תּפֿילות.[145] דאָס אַלץ איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון טיפֿער באַדערפֿעניש צונויפֿצוגיסן זיך מיטן פֿאָלק ניט בלויז סאָציאַל, נאָר אויך גײַסטיק. מיט אַ ריין רעליגיעזן עקסטאַז האָט די יוגנט „פֿאַרברענט הינטער זיך אַלע בריקן", ווי מ'האָט ליב געהאַט דעמאָלט צו זאָגן,—פֿאַרלאָזט די אוניווערסיטעטן, צעבראָכן די קאַריערע, צעריסן מיט דער סבֿיבֿה פֿון די פּריווילעגירטע און אַרײַן אין די פֿאַבריקן, געגרינדעט וואַרשטאַטן פֿאַר שווערער פֿיזישער אַרבעט און „קאָמונעס" פֿאַר רעוואָלוציאָנערער הכשרה און אַוועק דינען דעם פֿאָלק. אַ באַזונדער רעליגיעזן עקסטאַז האָבן דערבײַ אַרויסגעוויזן די פֿרויען־רעוואָלוציאָנערקעס. די געשטאַלטן פֿון סאָפֿיאַ פּעראָווסקי, סאָפֿיאַ באַרדין, ווערע זאַסוליטש און שפּעטער ווערע פֿיגנער זײַנען אַלעמען גוט באַקאַנט.

און דער נאָך גרעסערער פּאַראַדאָקס פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז געווען, וואָס די נאַראָדניקעס, פֿירנדיק פּראַקטיש אַ פֿאַרביסענעם קאַמף קעגן דעם דעספּאָטיזם און אָפּגעבנדיק דערפֿאַר דאָס לעבן, זײַנען אין טעאָריע געווען די שאַרפֿסטע געגנער פֿון פּאָליטישן קאַמף: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדענונג און אַפֿילו אַ רעפּובליק איז לויט זייער דאָגמאַטיק געווען געפֿערלעכער פֿון צאַריזם. דער באַקאַנטער נאַראָדניק טשודנאָווסקי דערציילט אין זײַנע זכרונות, אַז אין די ראַדיקאַלע סטודענטישע קרײַזלעך פֿון 1868—1869 פֿלעגט מען דיסקוטירן און אָפּשטימען די פֿראַגע, וואָס איז מער געוווּנטשן: דער צאַריזם, אָדער אַ „רעפּובליק מיט אַ בורזשואַזער רעגירונג, ווי אין מערבֿ־אייראָפּע"? און די גרעסטע מערהייט פֿלעגט שטימען פֿאַר דאָס ערשטע: שוין בעסער אַ מאָנאַרכיע („אויף פֿאָלקס־יסודות"), איידער אַ קאַפּיטאַליסטישע רעפּובליק.[146] אַפּטעקמאַן און אַנדערע אָנגעזעענע „זעמלעוואָלצעס" האָבן איין מאָל אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין פּעטערבורג דערקלערט בזה הלשון: „אויב דאָס פֿאָלק וועט זיך אויפֿהייבן, לאָמיר זאָגן, אין נאָמען פֿון עפּעס אַ פֿירשטל, אָדער אַפֿילו אין נאָמען פֿון צאַר — זײַנען מיר מחויבֿ צו גיין מיטן פֿאָלק! מיר קענען ניט גיין קעגן פֿאָלק... אַ פֿאָלקס־פֿירשט אָדער אַ פֿאָלקס־מאָנאַרך איז פֿון פֿאָלק אויסגעוויילט, און אַזאַ צאַר איז די פֿאַרקערפּערונג פֿונעם פֿאָלקס ווילן"...[147] אַזוי ווײַט איז געגאַנגען דער „פֿאָלקיזם". שפּעטער, אין די 80צער יאָרן, האָבן זיך אייניקע וווּלגאַרע נאַראָדניקעס דערקײַקלט טאַקע צו אַן אָפֿענעם „פֿאָלקס־מאָנאַרכיזם", ווי יוזאָוו־קאַבליץ, און צו אָפֿענעם אַנטיסעמיטיזם, ווי גערעסים ראָמאַנענקאָ, דער פּאַקטישער מחבר פֿון דער באַקאַנטער נאַראָדנאָוואָלישער פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציע (אויגוסט 1881).

די רעוואָלוציאָנערע פּראַקטיק האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער דאָגמאַטישער טעאָריע און האָט אַלץ מער און מער אָנגענומען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. און דער ערשטער סיגנאַל איז געווען דער שאָס פֿון ווערע זאַסוליטש אין גענעראַל־גובערנאַטאָר

---

144 זע רצ"ו פֿון מ. קאָוואַלעווסקי, ב' 3, פּראָצעס פֿון 1טן מערץ 1881, רעדע פֿון זשעליאַבאָוון.

145 אָ. אַפּטעקמאַן, דצ"ו, ז' 93.

146 ס. טשודנאָווסקי, Из давних лет (מאָסקווע 1934, פֿאַרל' „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"), ז' 80.

147 אָ. אַפּטעקמאַן, — דצ"ו, ז' 304. פֿאַר די אויגן פֿון די נאַראָדניקעס איז דערבײַ זיכער געשטאַנען דער בײַשפּיל פֿון פּוגאַטשאָוון, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פֿאַר אַ „פֿאָלקסצאַר" און געקעמפֿט קעגן דעם „דוואָריאַנישן צאַר".

טרעפּאָוו, ווי אַ נקמה פֿאַר זײַנע אַכזריותן קעגן אירע חבֿרים (יאַנואַר 1877). אין די רייען פֿון די „דרום-רוסישע בונטאַרן", וואָס זײַנען צו דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" ניט צוגעשטאַנען, האָט נאָך פֿון פֿריִער געהערשט אַן אומצופֿרידנקייט מיטן צפֿונדיקן אַפּאָליטיזם. די „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט אַליין געעפֿנט אַ טירל צום טעראָר, אײַנפֿירנדיק בײַ זיך די „דעזאָרגאַניזאַטאָרישע גרופּע" מיט דער אויפֿגאַבע אָפּצורוימען פֿון וועג די בוגדים און באַזונדערס שעדלעכע פּאָליציי-אַגענטן און בכלל „אָפּצושוואַכן דעם רעגירונגס-מעכאַניזם". נאָך וועראַ זאַסוליטשעס שאָס הייבט זיך אָן אַ שורה נקמה-אַקטן, דאָס רובֿ אינדיווידועלע, פֿון צענטער ניט סאַנקציאָנירטע. די וויכטיקסטע אַקטן אין 1878: קאָוואַלסקיס באַוואָפֿנטער ווידערשטאַנד קעגן דער פּאָליציי אין אָדעס, פֿאַר וועלכן ער איז אומגעקומען אויף דער תּליה; קראַווטשינסקיס אַטענטאַט אויפֿן זשאַנדאַרמעריע-שעף מעזענצעוו; דער אַטענטאַט אויפֿן שעף פֿון קיִעווער זשאַנדאַרמעריע הייקינג. די וויכטיקסטע אין 1879: גאָלדענבערגס אַטענטאַט אויפֿן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר קראָפּאָטקין, מירסקיס אַטענטאַט אויפֿן שעף פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" גענעראַל דרענטעלן און אין אַפּריל — סאָלאָוויאָווס אַטענטאַט, דער ערשטער און ניט געראָטענער, אויפֿן צאַר גופֿא. „קעגן אונדזער ווילן פֿירן מיר אַ פּאָליטישן אַ קאַמף" — האָט מיט אומצופֿרידנקייט געשריבן דער אָרטאָדאָקסאַלער נאַראָדניק אַפּטעקמאַן;[148] „אונדזער אַרמיי (אין דאָרף) האָט זיך ניט פֿאָרמירט", איז ער זיך מודה. נאָך פֿריִער שרײַבט קראַווטשינסקי צו לאַווראָוון: „שוין איצט האָבן מיר, די פּראָפּאַגאַנדיסטן, באַנקראָטירט".[149] די באַוועגונג איז בכן אַרײַן אין אַ טעמפּן ווינקל. די יוגנט פֿאַרלירט דעם חשק צו גיין אין דאָרף, וווּ מען פֿאַרשטייט זי ניט, און רײַסט זיך צו טעראָר און פּאָליטישן קאַמף. דער אַלטער באַקונין דערפֿילט נאָך פֿריִער אין אויסלאַנד, אַז „אַנאַרכיזם איז געוואָרן אַ מאָדע" אין רוסלאַנד, אָבער „עס וועלן פֿאַרבײַגיין אַ פּאָר יאָר און קיין איין אַנאַרכיסט וועט צווישן זיי ניט פֿאַרבלײַבן".[150] אין 1875 שרײַבט ער אַן אַנטוישטער צו עליזע רעקלי, אַז די אַנאַרכיסטיש-רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פֿאַלט אין דער גאַנצער וועלט: „מיר האָבן געלייגט אונדזערע האָפֿענונגען אויף די מאַסן, אָבער זיי ווילן אַפּנים ניט זייער אייגענע באַפֿרײַונג". דער באַקאַנטער רוסישער רעוואָלוציאָנער טקאַטשאָוו איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט פֿון אָנהייב אָן ניט געגלייבט אין דער געבוירענער רעוואָלוציאָנערישקייט פֿונעם רוסישן פּויער און האָט אין זײַן זשענעווער זשורנאַל „נאַבאַט" נאָך פֿון 1875 יאָר אָן אַרויסגערוקט אַ ריין יאַקאָבינישע פּראָגראַם פֿון פֿאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט דורך דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ און אײַנפֿירן דורך אַ דיקטאַטור דעם סאָציאַליזם: ס'איז ניטאָ וואָס צו וואַרטן, שרײַבט ער, אַז דאָס רוסישע פֿאָלק וועט צושטיין צו דער רעוואָלוציע—„אַזאַ מאָמענט וועט קיין מאָל ניט קומען"; די באַוווסטזיניקע מינאָריטעט דאַרף אײַנפֿירן מיט גוואַלד די נײַע סאָציאַלע אָרדענונג; מען טאָר מער ניט וואַרטן: „זעט, — שרײַבט ער מיט שרעק, — דאָס פֿײַער פֿון עקאָנאָמישן פּראָגרעס [געמיינט — דער קאַפּיטאַליזם] האָט שוין אַרומגעכאַפּט בײַ אונדז די יסודות פֿון פֿאָלקס-לעבן, און די אַלטע פֿאָרמען פֿון דער „אָבשטשינע" ווערן שוין חרובֿ".[151] טקאַטשאָוו טרעט אָפֿן אַרויס קעגן דער הערשנדיקער אַנאַרכיסטישער טעאָריע; די פּראָפּאַגאַנדיסטן, די „רעוואָלוציאָנערן—רעאַקציאָנערן", ווי ער רופֿט זיי, פֿאַרשטאַרקן נאָר מיט זייערע לאַנגע הכנות דעם קיום פֿון דער בורזשואַזיע. אין דעם פּרט דערמאָנט טקאַטשאָוו זײַן פֿאָרגייער נעטשאַיעוון. אָבער טקאַטשאָווס ווערטער זײַנען דעמאָלט אויפֿגענומען געוואָרן

---

148 א. אַ פּ ט ע ק מ אַ ן. ז׳ 333.

149 וו. באָגוטשאַרסקי, Активное народничество 70-х годов (מאָסקווע 1912), ז׳ 126

150 דאָרטן, ז׳ 96.

151 ציט׳ לויט די מעמואַרן פֿון פּ. אַקסעלראָד, Пережитое и передуманное (בערלין 1923), ז׳ 195; האָבן זיך אויך געדרוקט (אין אַ פֿרײַער און געקירצטער איבערז׳) אין „צוקונפֿט" 922—19231.

ווי אַן אַפּיקורסות, און פֿאַקטיש איז ער געווען איזאָלירט. ערשט שפּעטער הייבט מען אָן זיך צוהערן צו אים.

אַזוי האָבן זיך אינעם שויס פֿון איין פּאַרטיי צוזאַמענגעשטויסן צוויי היפּוכדיקע ריכטונגען: די אָרטאָדאָקסאַלע „דערעווענשטשיקעס", אָנהענגער פֿון דער אַרבעט אין דאָרף און געגענער פֿון פּאָליטיק, און די טעראָריסטן. און אויפֿן צוזאַמענפֿאָר אין וואָראָנעזש (אויגוסט 1879) איז פֿאָרגעקומען די באַרימטע שפּאַלטונג פֿון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ". די פּאָליטיקער, בראש מיט זשעליאַבאָוון, האָבן געגרינדעט די טעראָריסטישע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", און די „דערעווענשטשיקעס", בראש מיט פּלעכאַנאָוון,–דעם „טשאָרני פּערעדעל",[152] וואָס איז פֿאַרבליבן געטרײַ דער נאַראָדנישער טעאָריע. די קליינע גרופּע „טשאָרני פּערעדעל" האָט אָבער קיין מזל ניט געהאַט; נאָך די דורכפֿאַלן האָבן אַלע אירע פֿירער געמוזט עמיגרירן קיין אויסלאַנד. אַ פּאָר יאָר האָבן זיי נאָך געזוכט אַ וועג און אין 1883 געפֿונען זייער תּיקון אין דער ערשטער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ". די ווײַט גרעסטע מערהייט רעוואָלוציאָנערע קרעפֿטן איז אַריבער צו דער טעראָריסטישער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָס האָט אָנגעהויבן איר באַרימטן העראָיִשן געראַנגל מיט דער רעגירונג און איר געיאָג נאָכן צאַר, וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיטן אַטנטאַט פֿון ערשטן מערץ 1881.

אידעאָלאָגיש איז צווישן די אַלטע נאַראָדניקעס און די „נאַראָדאָוואָלצעס" געלעגן אַ תּהום.[153] די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט פֿאַרזיכערט און האָט אפֿשר אַליין געגלייבט, אַז זי איז געבליבן געטרײַ דער אַלטער טעאָריע; אין איר פּראָגראַם ווערט געזאָגט: „לויט אונדזערע גרונד-איבערצײַגונגען זײַנען מיר סאָציאַליסטן און נאַראָדניקעס", אָבער— ווערט דערבײַ צוגעגעבן — דאָס פֿאָלק איז נאָך ניט פֿאַרטיק צו אַ רעוואָלוציע, און די פּאַרטיי דאַרף מיט גוואַלד אַליין דורכפֿירן אַ פּאָליטישע איבערקערעניש. דער היסטאָרישער וויכּוח איז בעיקר געגאַנגען וועגן דעם: אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, געמאַכט פֿון דער פּויערים-מאַסע, אָדער אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע לטובֿת דער מאַסע דורך אַ פֿאַר-שווערונג פֿון אַ פּאַרטיי, אַ קאָמיטעט, אַ העלדישער גרופּע יחידים? באַוועלטיקט די געמיטער האָט אָט דער צווייטער וועג. דער דראַמאַטישער געראַנגל פֿון אַ קליינער גרופּע טעראָריסטן קעגן דעם מעכטיקן צאַריזם, וועלכן זי האָט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד געהאַלטן אין אמתן טויטשרעק,[154] האָט אימפּאָנירט אַפֿילו די געגענער. אָבער די לאָגיק פֿון פּאָליטישן קאַמף האָט זייער גיך געבראַכט דערצו, אַז די טעראָריסטן במעשׂה זײַנען במחשבֿה געוואָרן ליבעראַלן. זייער טרוים ווערט — אַ קאָנסטיטוציע, זייער ציל— אַ דעמאָקראַטישע גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג, דער „זעמסקי סאָבאָר", פּונקט ווי בײַ די ליבעראַלן. אויף אַ זיצונג פֿון „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" (אויספֿיר-קאָמיטעט פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ") אין 1880 איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן: „ניט אָנרירן און ניט פֿאַרמינערן די העכסטע מאַכט פֿון דער גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג און אָנערקענען אַפֿילו

---

152 Черный Передел — שוואַרצע חלוקה; די פּויערים האָבן פֿון שטענדיק אָן געוואַרט אויף אַן אַלגעמײנער חלוקה פֿון דער ערד (פֿון דער „שוואַרצער ערד"). מיט דעם נאָמען האָט זיך די פּאַרטיי אָנגערופֿן.

153 די דאָזיקע צוויי באַגריפֿן ווערן אָפֿט צונויפֿגעמישט. עס איז זייער ניט פּינקטלעך, ווען מען שרײַבט „נאַראָדניקעס" סתּם, בעת עס רעדט זיך וועגן „נאַראָדאָוואָלצעס", אָבער עס איז געוויס פֿאַלש אונטערן נאָמען „נאַראָדאָוואָלצעס" אונטערצושטעלן אַ באַשרײַבונג פֿון דער נאַראָדנישער באַוועגונג בכלל, ווי דאָס טוט למשל א. יודיצקי אין זײַן בוך „נאַראָדאָוואָלצעס" (מאָסקווע 1932); אגבֿ, איז עס דאָס איינציקע בוך אין ייִדיש וועגן דער באַוועגונג, און שטייט לײדער אויך ניט אויף דער געהעריקער הייך.

154 אין משך פֿון אַנדערהאַלבן יאָר ביזן 1-טן מערץ 1881 זײַנען אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן געמאַכט געוואָרן 8 אַטנטאַטן; נאָך דעם אַטנטאַט פֿון 1 מערץ זײַנען פֿון די 23 מיטגלידער פֿון „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פֿאַרבליבן נאָר 8, שפּעטער האָט מען זיי אויך כּמעט אַלעמען אַרעסטירט.

די צאַרישע רעגירונג, אויב די גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג וועט זי צוריק אויפֿשטעלן".[155] אמת, די פֿירער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָבן דערבײַ געגלייבט באמונה שלמה, אַז 90 פּראָצענט פֿון פֿאָלק וועט זיך דורך די דעפּוטאַטן אַרויסזאָגן ניט אַנדערש ווי קעגן פּריוואַטן אייגנטום און פֿאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער אָפּטימיזם איז נאָך געווען גענוג שטאַרק אין די רייען פֿון די רעאַלע פּאָליטישע קעמפֿער.

די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז אַזוי אַרומגערינגלט געוואָרן מיט רעוואָלוציאָנערער מיטאָלאָגיע, אַז מ'האָט זיך גאָר ניט געשטעלט די פֿראַגע: צי זײַנען אירע פֿירער בכלל געווען סאָציאַליסטן? ניט סוביעקטיוו, נאָר אין תּוך. מיר האָבן פֿאַר זיך אַזאַ אויטאָריטעטן עדות ווי ניקאָלאַי מאָראָזאָוו, וועלכער דערציילט איצט אין זײַנע זכרונות: „פֿאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס די „זעמליאַ אי וואָליאַ" און די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָבן עקסיסטירט, געדענק איך ניט קיין איין שמועס וועגן סאָציאַליזם".[156] דאָס איז ניט געווען קיין צופֿאַל. דער פֿירער פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו האָט פֿאַר זײַן טויט געשריבן צו זײַנע חבֿרים פֿון דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג: „אַלץ וואָס איז ווײַט, וואָס איז ניט צו דערגרייכן, דאַרף אויף אַ צײַט אָפּגעוואָרפֿן ווערן" (געמיינט די סאָציאַליסטישע פֿאָדערונגען); „אונדזער לאָזונג גדאַרף זײַן—דער מינימום פֿון געווונטשענעם, אָבער מיטן מאַקסימום פֿון עקשנות".[157] דער קאָפּ פֿון דער פּאַרטיי, זשעליאַבאָוו, האָט אויפֿן וואָראָנעזשער צוזאַמענפֿאָר געמאַכט אַ דערקלערונג, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שטורעם ביי די געגענער: איצט איז אַ צײַט פֿון טעראָר, און די רעוואָלוציאָנערן „מוזן זיך אָפּזאָגן פֿון קלאַסנקאַמף".[158] אַקסעלראָד זאָגט אויך עדות, אַז פֿון די שמועסן מיט די פֿירער פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט ער אַרויסגעטראָגן דעם אײַנדרוק, אַז „זייער רעוואָלוציאָנערער קאַמף איז ניט קיין קאַמף פֿאַר סאָציאַליזם".[159] זשעליאַבאָוו האָט אים אָפֿן דערקלערט: „אונדזער איינציקע אויפֿגאַבע אין איצטיקן מאָמענט איז — צושלאָגן זיך צו אַ דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע... און מיר מוזן אויסמײַדן אַזעלכע טריט, וואָס קענען פֿון אונדז אָפּשטויסן די ליבעראַלע געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן". זשעליאַבאָוו, וואָס האָט געהאַט גרויס מוט במעשׂה, איז אויך געווען מוטיק און אויפֿריכטיק אין זײַנע מחשבֿות: „איך שטאַם אַליין פֿון פּויערים—האָט ער ווײַטער געזאָגט צו אַקסעלראָדן — און כ'קען דאָס פֿאָלק; אַ פּויערים-אויפֿשטאַנד וועט נאָר ברענגען צו אַ כאַאָס אין לאַנד; איר קענט זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלן וואָסער ווילדקייט און וואָסער אַכזריות עס וואָלטן זיך בײַ אונדז באַוויזן אין מאָמענט פֿון אַלגעמיינעם בונט"...[160] אין זײַן באַרימטער רעדע אויפֿן פּראָצעס פֿון 1טן מערץ האָט זשעליאַבאָוו געענטפֿערט אויף די פֿאָרווורפֿן פֿונעם פּראָקוראָר: „איצט זײַנען מיר אָנהענגער פֿון מלוכה-פּרינציפּ און ניט קיין אַנאַרכיסטן; דאָס איז אַן אַלטע באַשולדיקונג".[161]

---

155 אַזוי ווערט דערציילט אין די זכרונות פֿון דער אָנגעזעענער טעראָריסטין פּריביליאָוואַ-קאָרבאַ "Народная Воля" (1926, פּאַרל' „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"), קאַפּ' וועגן דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג.

156 ניקאָלאַי מאָראָזאָוו, Повести моей жизни ב' 4, ז' 278 א"וו.

157 זע מיכאַילאָווס בריוו פֿון דער פֿעסטונג, געדר' אין "Былое" נר' 24 (1924), ז' 278.

158 זע אַרײַנפֿיר פֿון פּלעכאַנאָוון צו טונס געשיכטע פֿון דער רעוו' באַוועגונג אין רוסלאַנד (זשענעווע 1903, רוס'), ז' 42 (רוימיש).

159 פּ. אַקסעלראָד, דצ"וו (אין רוס'), ז' 365.

160 דאָרטן, ז' 361—362.

161 נאָכן פּראָצעס האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבן דעם סטענאָגראַפֿישן באַריכט (Дело 1-го марта 1881). מיר ציטירן לויטן אָנגעוויזענעם ווערק פֿון מ. קאָוואַלעווסקי, ב' 3, ז' 83, 65 און 85. פּראָקוראָר איז געווען מוראַוויאָוו, דער שפּעטערדיקער יוסטיץ-מיניסטער.

די מעמואַריסטן פֿון יענער צײַט ווײַזן אָן, אַז ניט אַלע „נאַראָדאָוואָלצעס" זײַנען געווען אייניק אין די דאָזיקע מעסיקע שטימונגען, און דאָס איז גרינגלעך מעגלעך, מחמת די פּאַרטיי האָט אַרײַנגעצויגן אין אירע רייען עלעמענטן, וואָס זײַנען אידעאָלאָגיש ווײַט ניט געווען איינהייטלעך, איינהייטלעך איז נאָר געווען דער טעראָריסטישער טעמפּעראַמענט. אָבער מיר האָבן פֿאַר זיך אַזאַ ערשטקלאַסיקן *אָפֿיציעלן* דאָקומענט פֿון דער פּאַרטיי, ווי דער בריוו פֿון „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" נאָכן 1טן מערץ צו אַלעקסאַנדער דעם דריטן. וואָס פֿאָדערט די פּאַרטיי פֿונעם נײַעם צאַר? — „מיר שטעלן אײַך ניט קיין תּנאָים, – ווערט געזאָגט אין דעם בריוו — מיר דערמאָנען זיי נאָר": עס מוז דערקלערט ווערן אַן אַלגעמיינע אַמנעסטיע און עס מוזן ווערן צונויפֿגערופֿן פֿאָרשטייער פֿונעם גאַנצן פֿאָלק, דאָס מיינט אַ פּאַרלאַמענט, וואָס פֿון זייערע הענט „וועט די העכסטע מאַכט קענען באַקומען איר לעגאַליזאַציע".[162] דער דאָזיקער באַרימטער בריוו, וואָס איז לויט זײַן טאָן נאָך אַ זעלטענער מאָראַליש-מענטשלעכער דאָקומענט, איז לויט זײַן פּאָליטישן אינהאַלט אַ דאָקומענט פֿון *באַשיידענעם קאָנסטיטוציאָנאַליזם*. באַלד נאָכן אַטענטאַט האָט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אַרויסגעלאָזט אַ ווענדונג „צו די פּראַוואָסלאַווע פּויערים און צום גאַנצן רוסישן פֿאָלק" – אַקוראַט ווי אין רוסלאַנד וואָלט ניט געלעבט אויך איבער אַ דריטל ניט-פּראַוואָסלאַווע אונטערגעדריקטע פֿעלקער און גרופּעס; אין דער ווענדונג ווערט רעקאָמענדירט די פּויערים צו שיקן פּעטיציעס און שליחים צום נײַעם צאַר, „עפֿענען אים די אויגן אויפֿן אמת" און בעטן פֿאַרקלענערן די פּאַדאַטקעס, מוסיף זײַן ערד די פּויערים און צונויפֿרופֿן אין סענאַט פֿאָרשטייער פֿון די דערפֿער, „וואָס זאָלן געבן אַן עצה און אָנווײַזן, אַז להבא זאָלן די בעלי-יועצים פֿונעם צאַר זײַן ניט די פּריצים, נאָר די פּויערים... און דעמאָלט וועט אויפֿשײַנען דער אמת איבער דער ערד".[163] (מען האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַן אויפֿרוף „צום העלדישן קאָזאַקנטום" פֿון דאָן, אוראַל, קובאַן אאַז"וו) געניטע טעראָריסטן, אָבער רעאַלע פּאָליטיקער, האָבן די פֿירער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זייער גאַנצע האָפֿענונג געלייגט אויפֿן נײַעם צאַר, אויף אַלעקסאַנדער III, הגם אַלע אין רוסלאַנד האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אַ טעמפּער זײַל פֿון דער קומענדיקער רעאַקציע, און מער פֿאַר אַלעמען האָבן עס פֿאַרגעפֿילט די ייִדן. דער העראָיִשער אַקט פֿון 1טן מערץ, וועגן וועלכן מ'הערט ניט אויף ביז הײַנטיקן טאָג צו שרײַבן, האָט פֿאַרבלענדט די אויגן און מ'האָט זיך ניט אַרומגעקוקט, אַז די טעראָריסטן רעדן מיט דער שפּראַך פֿון ליבעראַלן. צווישן פּלעוועס פּאַפּירן איז נאָך דער רעוואָלוציע געפֿונען געוואָרן אַ בריוו צו אַלעקסאַנדער III פֿון אַזאַ צענטראַלער פֿיגור אין „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" ווי קיבאַלטשיטש; אין דעם בריוו פֿאָדערט ער ליבעראַלע רעפֿאָרמעס און דערבײַ שרײַבט ער אַזוי: „אײַער מאַיעסטעט קען אויפֿטון אַלץ, וואָס איז נייטיק פֿאַרן ווויל פֿון רוסלאַנד... קעגן אַ צאַר אַ סאָציאַלן רעפֿאָרמאַטאָר איז ניט מעגלעך קיין שום רעוואָלוציאָנערע פֿאַרשווערונג... און די סאָציאַלע פּאַרטיי, אַנשטאָט דער אַרבעט פֿון צעשטערן, וואָס וועט ווערן איבעריק, וואָלט זיך גענומען פֿאַר פֿרידלעכער אַרבעט פֿון בויען אויפֿן פֿעלד פֿון איר אייגן פֿאָלק".[164]

---

162 זע: "Литература партии „Народной Воли (געדר' אין גרויסלאַנד 1905), ז' 903 א"וו, אויך "Былое„ 1906, נומ' 3. דער מחבר פֿון בריוו איז געווען לויט טיכאָמיראָוו; נ. מיכאַילאָווסקי (וואָס איז געווען געהיים אַ רעדאַקציע-מיטגליד פֿונעם אָרגאַן „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ") האָט אים רעדאַקטירט און דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט אים איינשטימיק אָנגענומען; זע "Былое„ 1906, נומ' 6, ז' 234 א"וו.

163 "Литература партии „Народной Воли, ז' 900.

164 קיבאַלטשיטשעס בריוו איז צום ערשטן מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין "Былое„ 1917, נומ' 3, ז' 33—39.

אַז די דאָזיקע שטימונגען צווישן די טעראָריסטן זײַנען ניט געווען קיין צופֿאַל, זאָגן עדות צוויי אַנדערע דאָקומענטן, וואָס זײַנען אויך לעצטנס באַקאַנט געוואָרן. אין 1882 האָט פּלעווע, דעמאָלט שעף פֿון פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט, זיך געווענדט (אומדירעקט) צו צוויי אַרעסטירטע פֿירער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין דער תּקופֿה נאָכן 1טן מערץ, צו י. באָגדאַנאָוויטש און סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי, מיט אַן אָנפֿרעג, אויף וואָסערע תּנאים וואָלט די פּאַרטיי מושווה געוואָרן אָפּצוזאָגן זיך פֿון טעראָר. בתּשובֿה דערויף האָט באָגדאַנאָוויטש צוגעשטעלט אַן אויספֿירלעכן מעמאָראַנדום און פֿאָרמולירט אַזוי די תּנאים: אַמנעסטיע, פֿרײַהייט פֿון „זעמסטוועס" (גובערניאַלע זעלבסטפֿאַרוואַלטונגען), ערלעכע געריכטן, פֿרײַהייט פֿון וואָרט און פּרעסע, אויטאָנאָמיע פֿון הויכשולן, אָפּמעקן די חובֿות פֿון די פּויערים, אָפּשאַפֿן לײַבשטראָף, פֿרײַהייט פֿון רעליגיע וכדומה עלעמענטאַרע קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס. דערבײַ שרײַבט באָגדאַנאָוויטש: דאָס לעבן האָט אונדז געלערנט, אַז אַנאַרכיזם איז אַ פֿאַנטאַזיע, די „רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי איז איצט כּלל ניט קיין שׂונא פֿון מלוכה און אַפֿילו ניט פֿון דער איצטיקער מלוכה-פֿאָרם, פֿון דעם מאָנאַרכיסטישן פּרינציפּ... וואָס איז אַזוי שטאַרק אײַנגעוואָרצלט אין פֿאָלק"; דעם טעראָר האָט מען אויף די רעוואָלוציאָנערן אַרויפֿגעצוווּנגען.[165] זלאַטאָפּאָלסקי אין זײַן ענטפֿער פֿאַררופֿט זיך אויפֿן דערמאָנטן בריוו פֿון דער פּאַרטיי צו אַלעקסאַנדער III און פֿאָדערט אַ פֿאָלקס-פֿאַרטרעטונג, וואָס איז אין פּרינציפּ ניט קיין סתּירה צו מאָנאַרכיע; די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", שרײַבט ער, האָט לחלוטין ניט בדעה אָפּצושאַפֿן די מלוכה, רעליגיע, פּריוואַט-אייגנטום און פֿאַמיליע.[166] מען קען דערויף ענטפֿערן, אַז די דאָזיקע ווערטער האָט מען – אָדער האָבן זיך–אַרויסגעריסן בײַ מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען פֿאַר דער תּליה. אָבער מיר האָבן אַ פֿרײַ עדות-זאָגן פֿון אַן אַנדער צענטראַלער פֿיגור פֿון דער פּאַרטיי אין איר לעצטער תּקופֿה, ערבֿ איר אונטערגאַנג צום סוף פֿון די 80ער יאָרן, — פֿון יאַקובאָוויטשן (באַקאַנטער רוסישער דיכטער מעלשין): אין 1888 האָט ער געשריבן אין אויסלאַנד, אַז די חלומות וועגן פֿאַרכאַפּן די מלוכה-מאַכט קענען אַרויסרופֿן נאָר אַ שמייכל; „אונדזער פֿאָרמולע איז איצט אין גאַנצן אַן אַנדערע: אַז פֿון דער הייך פֿון טראָן, צעטרייסלט פֿון די רעוואָלוציאָנערע קלעפּ, זאָל קומען אַ רוף צום פֿאָלק"; דאָס גרויסע רוסישע פֿאָלק נייטיקט זיך אין אַ „זעמסקי סאָבאָר" און אין פּאָליטישע פֿרײַהייטן, וואָס וועלן ברענגען אויך „עקאָנאָמישע רעפֿאָרמעס".[167]

נאָר איין לעוו טיכאָמיראָוו, דער וויכטיקסטער טעאָרעטיקער פֿון דער פּאַרטיי אין דער תּקופֿה נאָכן 1טן מערץ, האָט געפּרוּווט אויפֿשטעלן אַ טעאָריע פֿון פֿאַרכאַפּן די מאַכט דורכן טעראָר. אָבער גראָד ער, דער „יאַקאָבינישער סלאַוואָפֿיל" (ווי פּלעכאַנאָוו רופֿט אים), וואָס האָט זיך צוריק אומגעקערט צו די אידעען פֿון טקאַטשאָוון, איז בײַ דער ירידה פֿון דער פּאַרטיי געוואָרן אַ רענעגאַט, האָט תּשובֿה געטאָן און איז מיט דער צײַט געוואָרן דער טעאָרעטיקער פֿון רעאַקציע אין רוסלאַנד. דער טעראָר האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ מיטל פֿון שוואַכע און אָנטוישטע, און די אַמאָליקע סאָציאַליסטן זײַנען פֿאַקטיש געוואָרן פּאָליטישע ראַדיקאַלן. ניט אומזיסט האָט מען די „נאַראָדאָוואָלצעס" נאָך זייער בריוו צו אַלעקסאַנדער III אָנגערופֿן „ליבעראַלן מיט אַ באָמבע". אין די 80ער יאָרן האָבן די עפּיגאָנען פֿון די ערשטע „נאַראָדאָוואָלצעס" געפּרוּווט אַרײַנבלאָזן אין דער אָרגאַניזאַציע אַ מער סאָציאַליסטישן גײַסט. דער קולט

---

165 זע אַרט' פֿון ס. וואָלק: פֿון די נאַראָדאָוואָלישע אויטאָביאָגראַפֿישע דאָקומענטן, אין „Красный Архив" ב' 20 (1927), ז' 204—231.

166 דאָרטן.

167 די ווערטער האָט יאַקובאָוויטש-מעלשין געשריבן אין זײַן בראָשור „דער פּראָצעס פֿון 21" (רוס'), זשענעווע 1888, ז' 21—23; זע ציט' אַרײַנפֿיר פֿון פּלעכאַנאָוון צו טונס געש־כטע, ז' 49—50 (רוס־ש).

פֿון פֿויער איז נאָך געווען גענוג שטאַרק, די נאַראָדנישע אידעאָלאָגיע האָט באַוועלטיקט די געמיטער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ נאָך אין משך פֿון אַ גאַנץ לאַנגער צײַט און האָט ניט אויפֿגעהערט אין רוסלאַנד צו ווירקן אין פֿאַרשיידענע גילגולים, אָבער טעאָרעטיש האָט דער מאַרקסיזם אָנגעהויבן זי ערנסט אונטערגראָבן זינט פּלעכאַנאָווס באַרימטע בראָשורן „סאָציאַליזם און דער פּאָליטישער קאַמף" און „אונדזערע חילוקי־דעות"[168] (1883—1884), און שפּעטער, צום מיטן די 90ער יאָרן, זײַנען צוגעקומען די אַטאַקעס מצד דעם לעגאַלן מאַרקסיזם. אין די 80ער יאָרן האָט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" געמאַכט פּאַריאושטע און העראָיִשע אָנשטרענגונגען צו ראַנגלען זיך ווײַטער מיטן צאַריזם, אָבער אָן הצלחה. אין דער פּאַרטיי האָט זיך שוין אַרײַנגעגנבֿעט דעגאַיעווס פּראָוואָקאַציע און טיכאָמיראָווס בגידה, וואָס האָבן דעמאָראַליזירט די רעוואָלוציאָנערע רייען.

דער צאַריזם האָט גובֿר געווען דעם טעראָריזם און די באַוועגונג פֿון די רעוואָלוציאָנערע נאַראָדניקעס ניט נאָר פּאָליצייִש, נײַערט אויך פּסיכאָלאָגיש. אַ טיפֿע רעאַקציע און אַפּאַטיע האָבן אויף יאָרן אַרומגענומען די גאַנצע רוסישע געזעלשאַפֿט. און מיט רעכט האָט דער יונגער פּלעכאַנאָוו אויפֿן וואָראָנעזשער צוזאַמענפֿאָר זומער 1879 געוואָרנט זשעליאַבאָוון און זײַנע חבֿרים, אַז די איינציקע ענדערונג, וואָס די טאַקטיק פֿון טעראָר קען ברענגען, וועט זײַן, וואָס בײַם נאָמען אַלעקסאַנדער וועלן שטיין ניט צוויי שטעקעלעך, נאָר דרײַ: אַלעקסאַנדער III אָנשטאָט II...[169]

## IV

די ייִדישע גבֿירים און אינטעליגענץ אין די 70ער יאָרן. — זייער פּאָליטישע אידעאָלאָגיע.—די העברעיִשע „ניהיליסטן".

אין די 60ער יאָרן האָבן זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג באַטייליקט נאָר יחידים פֿון דער קאָרשט אויפֿגעקומענער ייִדישער אינטעליגענץ, — סטודענטן, וואָס זײַנען דאָס רובֿ צופֿעליק אַרײַנגעצויגן געוואָרן דורך די אומרוען אין אוניווערסיטעט און וואָס זייער „ניהיליזם" איז געלעגן נאָך גאָר פֿון אויבן אויף. אַנדערש איז עס אין די 70ער יאָרן. שוין צום סוף פֿון פֿאָריקן יאָרצענדלינג באַווײַזט זיך אין די הויכשולן אָ ראַדיקאַלע ייִדישע יוגנט, וואָס פֿון אירע רייען קומט אַרויס אַ שורה אַקטיווע רעוואָלוציאָנערע טוער. די דאָזיקע גרופּע וואַקסט וואָס ווײַטער אַלץ מער און צו די 80ער יאָרן בילדעט זיך אויס אַ גאַנץ באַדײַטיקע מחנה. ייִדן באַטייליקן זיך אין די קרײַזלעך פֿון די „טשאַיקאָווצעס" אין פּעטערבורג, מאָסקווע, קיִעוו און אַדעס, אין דער נאַראָדנישער באַוועגונג. מיר טרעפֿן זיי צווישן די לאַוורויסטן און די באַקוניסטן, צווישן די אָנהענגער פֿון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, צווישן די בונטאַרן און שפּעטער צווישן די טעראָריסטן; זיי שטייען בײַ דער גרינדונג פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ" און שפּעטער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און דעם „טשאָרני פּערעדעל"; אַ סך פֿון זיי זײַנען שוין אומלעגאַלע פּראָפֿעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן. וואָס פֿאַר אַן אָרט האָט דער ייִדישער רעוואָלוציאָנער פֿאַרנומען אין די פֿאַרשיידענע ריכטונגען פֿון דער באַוועגונג און וואָסערע אייגנשאַפֿטן האָט ער דערבײַ אַרויסגעוויזן? און אויך: וואָס איז געווען זײַן אָרט אין דער ייִדישער סאָציאַלער סבֿיבֿה, וואָס האָט באַקומען צו יענער צײַט גאָר אַ נײַעם פּרצוף?

צום מאָמענט, ווען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פּיאָנערן פֿון דער ייִדישער יוגנט, האָט די ייִדישע געזעלשאַפֿט מיט

---

[168] Наши разногласия און Социализм и политическая борьба

[169] זע אַ פּ טע ק מ אַ נ ס ציט׳ זכרונות. ז׳ 370.

זיך פֿאָרגעשטעלט סאָציאַל אַ גאַנץ אַנדער בילד, ווי אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט. איבער די טראַדיציאָנעלע קלאַסן פֿון ייִדישן תּחום, וואָס האָבן זיך געלעבט זייער אַלט לעבן, זײַנען אין די גרויסע שטעט אויפֿגעקומען צוויי נײַע סאָציאַלע פֿאָרמאַציעס: דער שיכט גרויסשטאָטישע גבֿירים פֿון מאָדערנעם שניט און דער שיכט דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, וואָס האָבן זיך ערשט גענומען אַרויפֿאַרבעטן — אַ היסטאָרישער צווילינג, אידעאָלאָגיש צווישן זיך ענג פֿאַרקניפּט, הגם ניט שטענדיק שווה בשווה איינער מיטן אַנדערן. דער שיכט מאָדערנע גבֿירים האָט זײַנע ערשטע קאַפּיטאַלן אָנגעזאַמלט גראָד אין דער פֿינצטערער צײַט פֿון ניקאָלאַיס רעגירונג. שוין דעמאָלט באַטייליקט זיך שטאַרק דער ייִדישער קאַפּיטאַל אין דער אַנטוויקלונג פֿון טוך־פֿאַבריקאַציע אין אוקראַינע, אינעם האַנדל מיט אויסלאַנד און אין די ערשטע בענק־און בערזע־אָפּעראַציעס, באַזונדערס אינעם מער אייראָפּעיִזירטן אַדעס (אין 1842 למשל זײַנען אין אַדעס געווען 9 ייִדישע סוחרים פֿון ערשטער גילדיע).[170] ייִדישע גבֿירים ווערן רײַך פֿון מלוכה־פּאָדריאַדן און פּראָוויאַנט־ליווערונגען און באַזונדערס פֿון „אָטקופּ“ און פּראָפּינאַציע פֿון בראָנפֿן. אין דעם זעלביקן יאָר, ווען ס'איז אויף ייִדן געקומען די גזירה פֿון רעקרוטשינע (1827), איז אין רוסלאַנד אײַנגעפֿירט געוואָרן די „אָטקופּ־סיסטעם“, וועלכע איז מיט דער צײַט אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ גרויסער מאָס אין די הענט פֿון ייִדישע גבֿירים, באַזונדערס נאָכן יאָר 1848, בעת דער געזעץ האָט דערלויבט די ייִדישע גבֿירים צו האַלטן אָטקופּ אויך אין די גובערניעס מחוץ פֿון דער „טשערטאַ“. די אויפֿגעקומענע ייִדישע פּלוטאָקראַטיע האָט געשטאַמט פֿון די „אָטקופּשטשיקעס“ און פֿון די גרויסע פּאָדריאַטשיקעס און ליווראַנטן.[171] איינער, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו יענע קרײַזן אין פּעטערבורג, שרײַבט אין זײַנע זכרונות: „דער אָטקופּשטשיק איז מגולגל געוואָרן אין אַ באַנקיר, דער פּאָדריאַטשיק — אין אַן אונטערנעמער פֿון הויכן שניט, און זייערע אָנגעשטעלטע — אין גרויסשטאָטישע פֿראַנטן. ראָבן האָבן אָפּט אָנגעטשעפּעט אויף זיך פֿעדערן פֿון פּאַוועס; קליינע מענטשן פֿון אַ באַלטע אָדער אַ קאָנאָטאָפּ זײַנען עולה לגדולה געוואָרן אין אַ קורצער צײַט, האָבן זיך גענומען האַלטן פֿאַר „אַריסטאָקראַטן“ און אָפּגעלאַכט פֿון די „פּראָווינציאַלן“.[172] בײַם „אַקציז“ איז געווען באַשעפֿטיקט ניט קיין קליינע צאָל ייִדן — ביז 8 טויזנט פּערזאָן, רעכענענדיק אויך די אָנגעשטעלטע, פֿאַרוואַלטערס, בוכהאַלטערס, קאָנטראָליאָרן וכדומה.[173] די „אַקציזניקעס“ זײַנען געווען דער ערשטער שיכט אין רוסישן ייִדנטום, וואָס האָט זיך עמאַנסיפּירט פֿון דער אָרטאָדאָקסישער אַפּוטרופּסות, פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון וועלטלעכקייט, אָנגעהויבן פֿירן אַ ניט־ייִדישן שטאַט און האָט זיך באַלד געשטעלט איבער דער ייִדישער מאַסע. זיי האָבן געשפּילט ניט די לעצטע ראָלע אין דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון די השׂכּלה־אידעען און טיילווײַז שטאַמט פֿון זייערע רייען די ייִדישע אינטעליגענץ פֿון די 60ער און 70ער

---

170 זע ס. באָראָוואָי, Евр. земледельческая колонизация в старой России (מאָסקווע 1928), ז' 125.

171 דער גרעסטער צווישן די „אָטקופּשטשיקעס“ איז געווען יוזל גינצבורג; „אָטקופּשטשיקעס“ זײַנען אויך געווען: אוטין, ווארשאַווסקי, פּאָרטוגאַלאָוו, אַבֿרהם האָראָוויץ א״אַ; בײַם אַקציז האָבן אויך געאַרבעט די שפּעטערדיקע באַנקירן ל. ראָזענטאַל און א. זאַק. גרויסע פּאָדריאַטשיקעס און מיליטער־ליווערַנטן זײַנען געווען די פּעטערבורגער גבֿירים פֿרידלאַנד און די ברידער מלכּיאל פֿון דווינסק; פֿון אַ קליינעם פּאָדריאַטשיק האָט אויך אָנגעהויבן זײַן קאַריערע ש. פּאָליאַקאָוו.

172 זע די זכרונות פֿון נ. נ. אין „Евр. Старина“ 1914, ז' 431 (דער מחבר איז דער עלטער באַקאַנטער משׂכּיל גריגאָרי סירקין פֿון מינסק, וואָס האָט זיך געחתמעט פֿאַרשטעלט).

173 זע אַרט' פֿון ס — ט אין „Рассвет“ (אָדעס) 1861, 49; דער מחבר ברענגט ניט קיין שום באַווײַזן פֿאַר דער אָנגעגעבענער צאָל און זאָגט, אַז אַ געהעריקע גרוזמאַ איז דאָ פֿאַראַן.

יאָרן.[174] די יידישע מאַסע האָט די „אַקציזניקעס" די אַפּיקורסים פּײַנט געהאַט און אָפּגעלאָכט פון זיי אין אירע לידער.[175]

אין דעם ווײַטערדיקן וווקס פון דער נײַער יידישער בורזשואַזיע שפּילט אַ גרויסע ראָלע די קרימער מלחמה, וואָס איז געווען דער סוף פון ניקאָלאַיס רעזשים. פאַר מיליטער־ליוועראַנטן, פּאָדריאַטשיקעס און „אָטקופּשטשיקעס" עפנט זיך אַ ברייט פעלד. אָבער אָן אמתע מזל־ברכה פאַר יידישע גבירים איז געוואָרן די ליבעראַלע תקופה פון אַלעקסאַנדער II. אַ דאַנק דעם געזעץ פון 16טן מערץ 1859, וואָס האָט געעפנט די טירן פון דער הויפּטשטאָט און פון די רוסישע גובערניעס פאַר סאָלידע יידישע סוחרים פון ערשטער גילדיע, בילדעט זיך אויס אין משך פון גאָר אַ קורצער צײַט, אַ וואָסערע 15 יאָר, אין פעטערבורג, מאָסקווע און אַנדערע גרויסע שטעט אַ גאַנץ באַדײַטיקע גרופּע מאָדערנע יידישע פינאַנסיסטן און אונטערנעמער, וואָס ווײַזן אַרויס גרויס איניציאַטיווע און ענערגיע און פאַרנעמען באַלד אַ חשובן אָרט אין דער רוסישערווירטשאַפט. איינער פון די ערשטע איז דער דערמאָנטער יצחק אוטין, אַ געוועזענער „אָטקופּשטשיק", אָבער ער האָט זיך געשטעלט מן הצד פון דער יידישער געזעלשאַפט און איז בכלל גיך אַראָפּ פון סצענע; פון די ערשטע איז אויך געווען אברהם האָראָוויץ, וואָס האָט זיך אין גיכן געשמדט. ניט דער ערך אַ גרעסערן אָרט האָט פאַרנומען יוזל גינצבורג (שפּעטער — באַראָן), וואָס האָט אויך אַריבערגעטראָגן אַלע זײַנע געשעפטן קיין פעטערבורג. אין 1859 גרינדעט ער דאָ דעם ערשטן פּריוואַטן באַנקגעשעפט; אין אַ קורצער צײַט אַרום שאַפט ער אַ נעץ פון בענק אין פאַרשיידענע שטעט און אויך אַ ריי געזעלשאַפטן, וואָס עקספּלואַטירן די גאָלדמינעס אין סיביר.[176] יוזל גיצבורג און זײַן זון האָראַץ (גאָראַצי) פירן אַ גביריש־משׂכּילישן שטאַט, זײַנען באַקאַנט ווי גרויסע מעצענאַטן און יידישע עסקנים פון מעסיק משׂכּילישן שניט. פון זעלביקן שניט זײַנען אויך די אַנדערע צוויי פעטערבורגער באַנקירן — לעאָן ראָזענטאַל און אַבֿרהם זאַק, גינצבורגס געוועזענע אָנגעשטעלטע בײַם „אָטקופּ". אַבֿרהם זאַק איז דער דירעקטאָר פון דיסקאָנטאָ־באַנק אין פעטערבורג, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די גרעסטע פינאַנץ־אינסטיטוטן אין רוסלאַנד. די פּיאָנירן פון אײַזנבאַן־בוי אין רוסלאַנד זײַנען געווען וואַרשאַווסקי,[177] בליאָך, קראָנענבערג[178] און באַזונדערס די פּאָליאַקאָווס. שמואל

---

174 פגל' די זכרונות פון א. פּ אַ פּ ע ר נ אַ אין "Пережитое", ב' 3, ז' 353—355; דער „אָטקופּ", שרײַבט ער, האָט געגעבן דער בילדונג און דער פאַרשפּרייטונג פון דער רוסישער שפּראַך אַ סך אַ גרעסערן שטויס ווי אלע צוואַנגמיטלען פון ניקאָלאַיס רעגירונג.

175 פגל, למשל די זאַמלונג יידישע פאָלקסלידער פון ש. ג י נ ז ב ו ר ג און פּ. מ אַ ר ע ק (פעטערבורג 1901), נומ' 55 און 56: „אין אַקציזנע יונגע לײַט זײַנען פאַרשײַט" אאַ"וו.

176 די דיסקאָנטאָ־בענק אין פעטערבורג און אָדעס, די פּריוואַטע קאָמערץ־באַנק אין קיִעוו און אַנד'; די לענער גאָלדגרובן־געזעלשאַפט, די זאַבאַיקאַלער, די ניאַסער, די בערגזאָוונר, די אַלטאַיער א"אַ.

177 אבֿרהם וואַרשאַווסקי איז געווען איינער פון די ערשטע באַן־בויער אין רוסלאַנד, האָט אויסגעבויט די ליניע מאָסקווע—בריסק און אַ ריי אַנדערע. פאַר דעם איז ער געווען אַן „אָטקופּשטשיק" אין פּאָלטאַווער גובערניע.

178 בליאָך און לעאָפּאָלד קראָנענבערג,ביידע געשמדטע, האָבן געשטאַמט פון פּוילן, אָבער זייערע עסקים האָבן זיי געפירט אין גאַנץ רוסלאַנד. בליאָך איז געווען דער בויער פון אַ ריי אײַזנבאַן־ליניעס: פעטערבורג—וואַרשע, קיִעוו—בריסק, לאָדזשער ליניע, די וויזל ליבאַווע־ראָמענער און אַ ריי אַנדערע; ער איז אויך דער גרינדער פון וואַרשעווער קאָמערץ־באַנק, וואַרשעווער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט און אַנדערע פינאַנץ־אונטערנעמונגען. בליאָך האָט געשטאַמט פאַר זייער אַ פעיִקן פינאַנסיסט און איז באַקאַנט אויך ווי דער מחבר פון אַ ריי ווערק וועגן ווירטשאַפט־ און פינאַנץ־פראַגן, וואָס האָבן אַן אייראָפּעיִשן נאָמען. וועגן בליאָכס ראָלע אין רוסישן אײַזנבאַן־בוי זע די מעמוארן פון ג ר אַ ף ו ו י ט ע (רוס', 1923), ב' 1 (זוכצעטל), וווּ מיר געפינען אויך איניקע ידיעות וועגן די אַנדערע יידישע באַן־מאַגנאַטן און באַנקירן.

פּאָליאַקאָוון האָט מען געהאַלטן פֿאַרן „אײַזנבאַן-קיניג“ אין רוסלאַנד; ער און זײַן ברודער לאַזאַר אין מאָסקווע האָבן אויך געהערט צו די גרעסטע באַנקירן אין לאַנד.[179] צווישן די מאַגנאַטן פֿון דער צוקער-אינדוסטריע אין אוקראַינע האָט פֿאַרנומען אַ חשובֿן אָרט ישׂראל בראָדסקי און שפּעטער זײַנע זין לאַזאַר און לעוו אין קיִעוו.[180] צו די פּיאָניערן פֿון דאַמפּמילן אין דרום-רוסלאַנד געהערן מ. ווײַנשטיין אין אַדעס און שפּעטער זײַן זון גריגאָרי. אַדעס און קיִעוו האָבן אויך געהאַט גרויסע ייִדישע באַנקירן, צווישן זיי ראָזענבערג און אַשכּנזי, וואָס האָבן זיך מתחתן געווען מיט די פּעטערבורגער גינצבורגס.[181] נײַע ייִדישע גבֿירים האָבן זיך פֿון סוף די 50ער יאָרן באַוויזן אויך אין מאָסקווע: ברילי‌אַנטן-הענדלער פֿון שקלאָוו, מאַנופֿאַקטור-הענדלער פֿון ליטע און גאַלאַנטעריע-הענדלער פֿון קורלאַנד, צווישן זיי ניט ווייניק געשמדטע. אין מאָסקווע איז אויך אויפֿגעקומען איינער פֿון די גרעסטע טיי-מאַגנאַטן אין רוסלאַנד ק. ז. וויסאָצקי. אין זײַנע זכרונות וועגן דעם ייִדישן רעוואָלוציאָנער לייזער צוקערמאַן פֿון מאָהילעוו באַשרײַבט גריגאָרי גורעוויטש דעם אויפֿקום פֿון די ייִדישע גבֿירים אין זײַן שטאָט, וואָס זײַנען רײַך געוואָרן אויף דער קרימער מלחמה (שמערל לוריע, שמערל צוקערמאַן א״אַ), און מערקט אָן דעם טיפּ „ייִדישן שמענדעפּערניק“ (באַנבויער)—שמואל פּאָליאַקאָוון „און מיט אים מײַן פֿאָטער, מײַנע ברידער, אויך „שמענדעפּערניקעס“, און מײַן פֿעטער באָריס גאָלדאָווסקי“, און ווי אַ קאָנטראַסט צו זיי—דעם טיפּ ייִדישן רעוואָלוציאָנער,— לייזער צוקערמאַן, אַקסעלראָד און זונדעלעוויטש.[181a]

די פּני פֿון די ייִדישע נגידים זײַנען פֿון דער רעגירונג באַשאָנקען געוואָרן מיט די גרעסטע טיטלען, אויף וועלכע אַ ייִד האָט נאָר געקענט האָפֿן — פֿון באַראָנען (די גינצבורגס), געהיימראַטן און „דוואָריאַנעס“.[182] זיי פֿלעגן ניט זעלטן צוגעצויגן ווערן צו די העכסטע באַראַטונגען אין די פֿינאַנץ- און ווירטשאַפֿטס-אָרגאַנען פֿון לאַנד. און אויב ס'איז דאָך געבליבן אַ היפּשער מרחק צווישן זיי און די רעגירונגס-ספֿערן, איז די מניעה געלעגן ניט אין זיי: זיי זײַנען געווען מוכן ומזומן אידעאָלאָגיש צונויפֿצוגיסן זיך מיט די הויכע ספֿערן אָן שום ליבעראַליסטישע תּבֿיעות. ייִדיש-געזעלשאַפֿטלעך האָבן זיי זיך גרופּירט אַרום באַראָן גינצבורגן, האָבן געהאָלפֿן אים בײַ דער גרינדונג פֿון דער „חבֿרה מפֿיצי-השׂכּלה“ סוף 1863 און שפּעטער, אָנהייב די 70ער, בײַ דער גרינדונג פֿון דער אָפֿיציעלער פּעטערבורגער קהילה. נאָר שמואל פּאָליאַקאָוו האָט געפֿירט די גרענדע אַליין פֿאַר זיך, איז געווען אין אָפּאָזיציע צו גינצבורגן און געהאַט אַרום זיך זײַן אייגענעם

---

179 די פּאָליאַקאָווס (דרײַ ברידער) זײַנען געווען די בויערס פֿון די ליניעס: קאָזלאָוו—ראָסטאָוו, קורסק—כאַרקאָוו—אַזאָוו, מאָסקווע—קורסק א״אַ. זיי זײַנען אויך די גרינדער פֿון עטלעכע אַגראַרבענק, פֿונעם אַזאָוו-דאָנער קאָמערץ-באַנק, שפּעטער פֿונעם „פֿאַראייניקטן באַנק“. „פּאָליאַקאָווס באַנק“ אין מאָסקווע איז בשעתו געווען ברייט באַקאַנט איבער גאַנץ רוסלאַנד.

180 שפּעטער האָבן מיט זיי אָנגעהויבן קאָנקורירן די זאַיצעווס, גרויסע ייִדישע צוקער-פֿאַבריקאַנטן אין קיִעוו, וואָס האָבן געהערט צום אָרטאָדאָקסישן לאַגער.

181 דאָס גרעסטע באַנקהויז אין אַדעס האָט געהערט פֿיאָדאָר ראַפֿאַלאָוויטשן, אַ געשמדטן ייִדן (זײַן זון איז שפּעטער געוואָרן פֿינאַנץ-אַגענט פֿון דער רוסישער רעגירונג אין פּאַריז); וועגן די ראַפֿאַלאָוויטשעס זע די מעמואַרן פֿון גראַף וויטע (רוס') בערלין 1923, ב' 1 (זוכצעטל).

181a ז״ב „רויטער פּנקס“, ב' 2 (וואַרשע 1924), ז' 113, 116 א״וו; פֿ״גל אויך זײַנע אויטאָביאָגראַפֿישע Записки отщепенца געדרוקט אין „Восход“ 1884 אונטערן פּסעוודאָנים גרשון באַדאַנעס, נו' 5.

182 די ערשטע ייִדן, וואָס זײַנען אין רוסלאַנד דערהויבן געוואָרן צום אַדלשטאַנד און באַקומען דעם טיטל געהיימראַט, זײַנען געווען שמואל פּאָליאַקאָוו און זײַנע ברידער.

קליינעם קרײַז.[183] מיט דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון רעגירונגס-אַנטיסעמיטיזם פֿון סוף די 70ער יאָרן און באַזונדערס אין די 80ער פֿאַרהאַלט זיך דער ווײַטערדיקער וווּקס פֿון דער ייִדישער גרויס-בורזשואַזיע, אַ טייל גייט אין גאַנצן אַראָפּ פֿון דער סצענע און נאָר אַ טייל פֿאַרבלײַבט בײַ דער אַלטער עשירות. אַרום די ייִדישע גבֿירים האָט זיך גרופּירט אַ קרײַז העכערע אָנגעשטעלטע און פֿאַרוואַלטערס, אייניקע פֿון זיי געוועזענע „עקציזניקעס", וואָס זײַנען שפּעטער אַליין געוואָרן גרויסע אונטערנעמער.

אַקוראַט אַזוי גיך — אַ סך גיכער אַפֿילו ווי אין מערבֿ-אייראָפּע — האָט זיך אַרויסגעאַרבעט אויך די צווייטע גרופּע, די דיפּלאָמירטע ייִדישע אינטעליגענץ. אויסבילדן די דאָזיקע גרופּע האָט געהאָלפֿן ניט נאָר די רעגירונג מיט איר ליבעראַלער פּאָליטיק בנוגע די „בעסערע" צווישן ייִדן, נײַערט אויך די ייִדישע גרויס-בורזשואַזיע, בראש מיט גינצבורגן, וואָס האָט מיט אַ ברייטער האַנט און מיט אַן אויסגערעכנטער כּוונה געשטיצט די ייִד' שטודיר-יוגנט אין די הויכשולן און אייגנטלעך צוליב דעם צוועק געגרינדעט די „חבֿרה מפֿיצי-השׂכּלה". די ערשטע יאָרן נאָך איר גרינדונג פֿלעגט די חבֿרה 80 פּראָצענט פֿון בודזשעט אַסיגנירן אויף סובסידיעס די ייִדישע סטודענטן. די מיטלען דערצו פֿלעגט געבן דער עיקר גינצבורג, וואָס האָט נאָך גרעסערע סומעס אויסגעגעבן אויף אייגענע סטיפּענדיאַנטן; אין אַ סך אַ קלענערער מאָס האָבן אויסגעהאַלטן סטיפּענדיאַנטן אייניקע אַנדערע ייִדישע גבֿירים. זיי פֿלעגן אויך סובסידירן די ייִדישע סטודענטישע קאַסעס, וואָס האָבן דעמאָלט עקסיסטירט כּמעט אין אַלע הויכשולן. אין 1877 למשל האָבן באַקומען סובסידיעס פֿון די דאָזיקע קאַסעס 110—115 ייִדישע סטודענטן, חוץ דעם האָבן באַראָן גינצבורג און לעאָן ראָזענטאַל אויסגעהאַלטן 30—35 סטיפּענדיאַטן און די „חבֿרה מפֿיצי השׂכּלה" אירע אייגענע 44;[184] מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז די גאַנצע צאָל ייִדישע סטודענטן האָט באַטראָפֿן (אין יאָר 1876) 300 אָדער אַ ביסל מער. דאָס רובֿ פֿאָרשטייער פֿון דער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ, וואָס זײַנען שפּעטער עולה לגדולה געוואָרן און פֿאַרנומען אַ באַדײַטיקן אָרט אין דער געזעלשאַפֿט און אויף הויכע רעגירונגס-שטעלעס, זײַנען בכן אין דער יוגנט געווען סטיפּענדיאַטן פֿון דער דערמאָנטער בילדונגס-געזעלשאַפֿט, אָדער פֿון גינצבורגן. מיר האָבן אויבן געהערט, אין וואָס פֿאַר אַ טאָן די גרופּע כאַרקאָווער סטודענטן האָט געפֿאָדערט הילף פֿון די ייִדישע גבֿירים.

די געזעצן פֿון 1861 און 1862 עפֿענען פֿאַר ייִדן מיט הויכער בילדונג ברייט די טירן צו נײַע ליבעראַלע פּראָפֿעסיעס. די ייִדישע יוגנט דרינגט אַרײַן, חוץ אין די אוניווערסיטעטן און מעדיצינישע הויכשולן, אויך אין די ספּעציעלע לערנאַנשטאַלטן: אין פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט און ריגער פּאָליטעכניקום, אין באַרג-אינסטיטוט, אין די לערנאַנשטאַלטן פֿאַר אײַזנבאַן-בוי און לאַנדווירטשאַפֿטלעכע הויכשולן.[185]

---

183 שמואל פּאָליאַקאָוו פֿלעגט געבן געלט אויף אַלגעמיינע אַנשטאַלטן, דער עיקר אויף אַזעלכע, וואָס דורך זיי קען מען זיך אײַנקויפֿן בײַ דער רעגירונג (זע ווײַטער), אויף ייִדישע הצטרכותן האָט ער בדרך כּלל געגעבן ווייניק, נאָר אין 1880 האָט ער געגרינדעט דעם „פֿאָנד צו שטיצן מלאָכה און לאַנדווירטשאַפֿט צווישן ייִדן" (שפּעטער: „אָרט"); זײַן בעל-יועץ אין ייִדישע זאַכן איז געווען פּראָפֿ' נ. באַקסט, וואָס איז געווען אין אָפּאָזיציע צו באַראָן גינצבורגן.

184 זע אונדזער געשיכטע פֿון דער „חבֿרה מפֿיצי השׂכּלה", ז' 167. אין דעם בוך האָבן מיר אויך אויספֿירלעך באַלויכטן די מאָטיוון, וואָס די פּעטערבורגער גרופּע גבֿירישע עסקנים, מיט גינצבורגן בראש, האָבן געהאַט בײַ דער גרינדונג פֿון דער חבֿרה. מיר קענען זיך דאָ לײדער ניט אָפּשטעלן אויף דער אידעאָלאָגיע פֿון דער גרופּע אויפֿן געביט פֿון בילדונגס-טעטיקייט, פֿילאַנטראָפּיע און ייִדישער אַרבעט בכלל, מחמת אונדז אינטערעסירן דאָ דער עיקר די סאָציאַל-פּאָליטישע מאָמענטן; מיר שיקן אָפּ צו אונדזער געשיכטע פֿון די מפֿיצי השׂכּלה.

185 אַ פֿולע רשימה פֿון די אַנשטאַלטן זע אין אונדזער געשיכטע פֿון מפֿיצי-השׂכּלה, ז' 152—153.

עס באַוויַיזן זיך אויך געענדיקטע אין די אויסלענדישע אוניווערסיטעטן, דער עיקר אין בערלין, ברעסלוי און קעניגסבערג,[186] אָבער זייער צאָל איז אַ סך אַ קלענערע, ווי די געענדיקטע אין רוסלאַנד. מער פון אַלע שטודירן יידן מעדיצין: אין 1878 למשל זיינען 58,2 פראָצענט פון אַלע יידישע סטודענטן געווען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. די געזעצן פון 1861 און 1862 עפענען פאַר יידן אויך אַ וועג צו מלוכה-שטעלעס, דער עיקר פאַר יוריסטן, און די יידישע יוגנט נעמט זיך מיט גרויס אימפעט פאַר יוריספּרודענץ – ביז דעמאָלט איז דער וועג פאַר יידן צו מאַגיסטראַטור און אַדוואָקאַטור געווען לחלוטין פאַרשפּאַרט. פאַר יוריסטן עפנט זיך דעמאָלט בכלל אין רוסלאַנד אַ ברייט פעלד מחמת דער ברייטער רעפאָרמע פון רוסישן געריכט, וואָס אַלעקסאַנדער II האָט דורכגעפירט, און אויך מחמת דער גרויסער עקאָנאָמישער אויפלעבונג און די נייַ אויפגעקומענע סאָציאַל-יורידישע פאַרהעלטענישן אין לאַנד. יונגע יידישע יוריסטן (באָריס אוטין, א. דומאַשעווסקי, ה. טראַכטענבערג א״אַ) באַטייליקן זיך אַקטיוו אין אויסאַרבעטן די נייַע רוסישע געריכט-קאָדעקסן פון 20סטן נאָוועמבער 1864 — דער גרעסטער רעפאָרמע נאָך דעם אַקט פון דער פויערים-באַפרייַונג פון 1861. אַזוי אַרום שאַפט זיך דער ערשטער קאַדער פון הויכע יידישע באַאַמטע אין דער רוסישער יוסטיץ. אין סענאַט, אין דעם העכסטן געריכטס-אָרגאַן פון לאַנד, פאַרנעמען יידן די אַמטן פון אייבער-סעקרעטאַרן אין די פאַרשיידענע דעפּאַרטאַמענטן: הערמאַן טראַכטענבערג, עמנואל באַנק, אַ. דומאַשעווסקי און מ. שאַפּיר. די רעגירונג באַשטימט יידן אויך פאַר העכערע באַאַמטע אין יוסטיץ-מיניסטעריום און פאַר מיטגלידער פון געריכט.[187] יידן ציט צו אַדוואָקאַטור, וואָס שפּילט אין יענע יאָרן אַ גאַנץ באַזונדערע ראָלע. פון סוף די 70ער יאָרן, ווען די אַנטיסעמיטישע ווינטן הייבן אָן טרייַבן די יידן צוריק פון די רעגירונגס-שטעלעס, פאַרגרעסערט זיך מער די צאָל פריוואַטע יידישע אַדוואָקאַטן. כאַראַקטעריסטיש, אַז יידן האָט מער געצויגן צו ציווילרעכט, ווי צו קרימינאַליסטיק – דאָ איז צו נוץ געקומען די אַלטע יידישע געניטשאַפט אין דיני-ממונות.[188] זיי רוקן אַרויס אַזעלכע באַקאַנטע ציוויליסטן און יוריסטן-טעאָרעטיקער ווי ע. באַנק, אַ. פּאַסאָווער, א. דומאַשעווסקי, א. גאָרדאָן, ג. ווערבלאָווסקי, איליאַ אָרשאַנסקי,[189] און אַזעלכע קענער

[186] אין 1871 האָבן די ערשטע 6 יידישע יונגעלייט פון רוסלאַנד געענדיקט אין אויסלאַנד דעם מעדיצינישן פאַקולטעט און האָבן זיך עקזאַמינירט אין פּעטערבורגער מעדיצינישֿ-כירורגישער אַקאַדעמיע; זע דאָרטן ז׳ 153.

[187] די ערשטע יידן, וואָס זיינען געווען באַשטימט געוואָרן פאַר ריכטער, זיינען ג. ווערבלאָווסקי (געוו׳ תלמיד פון ראַבינער-שול; שפּעטער געשמדט), הערמאַן טראַכטנבערג, מ. דילאָן (געשמדט) און יעקב טייטעל (אויס־אָרט-ריכטער). דער שפּעטער בארימטער אַדוואָקאַט א. פּאַסאָווער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע ווי אַ געהילף-פּראָקוראָר. אַ הויכן אַמט אין יוסטיץ-מיניסטעריום האָט אין משך פון יאָרן פאַרנומען יעקב האַלפּערן, דער שפּעטערדיקער פאָרזיצער פון דער „חברה מפיצי השכלה“. דער געשמדטער יעקב אוטין איז געווען יוריסקאָנסולט אין יוסטיץ-מיניסטעריום און זיין ברודער באָריס, דער געוו׳ פּראָפעסאָר, אויך אַ געשמדטער, — מיטגליד פון פּעטערבורגער אַפּעלאַציע-געריכט.

[188] דער באַרימטסטער קרימינאַליסט צווישן יידן איז געווען ל. קופּערניק, אָבער ער געהער צו אַ שפּעטערדיקער צייַט (געווען געשמדט). אין דער מיליטער-יוסטיץ האָט פאַרנומען זייער אַ הויכן אַמט ניקאָלאַי סאַבורין, אַ שוחטס אַ זון פון באַרדיטשעוו, אַ געוועזענער ישיבה-בחור און דערנאָך קאַנטאָניסט וואָס מ׳האָט אים יונגערהייט אָפּגעשמדט.

[189] א. דומאַשעווסקי איז באַקאַנט אויך ווי אַ מיטאַרבעטער פון „ראַזסוועט“ (1860) און אַנד׳ אָרגאַנען. אַ גרויסן אָרט אין דער רוסיש-יידישער זשורנאַליסטיק האָט פאַרנומען דער יונג פאַרשטאָרבענער א. אָרשאַנסקי, וואָס האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיינע אַלגעמיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק. אַבֿרהם גאָרדאָן, אַ ייִנגערער ברודער פונעם באַרימטן העברעישן פּאָעט י. ל. גאָרדאָן, האָט געענדיקט די ווילנער ראַבינער-שול (שפּעטער האָט ער זיך געשמדט צוליב אַ מלוכה-שטעלע, האָט אָבער קיין רעגירונגס-קאַריערע ניט געמאַכט). וועגן ווערבלאָווסקין און א. גאָרדאָן זע די סעריע אַרט׳ „משומדים“ פון שאול גינזבורג אין „פאָרווערטס“ (ניו-יאָרק), אָנהייב 1936.

פֿון מלוכה-רעכט און פּאַרלאַמענטאַריזם מיט אַן אייראָפּעיִשן נאָמען ווי מ. אָסטראָגאָרסקי. אַפֿילו אין יענער ליבעראַלער תּקופֿה איז פֿאַר ייִדן דער וועג צו פּראָפֿעסור כמעט אין גאַנצן פֿאַרשפּאַרט, און די ייִדישע יוריסטן באַאַרבעטן די רעכט-וויסנשאַפֿט ווי פּריוואַטע געלערנטע. עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש, אַז גראָד אויפֿן געביט פֿון מעדיצין, דער אַלטער ייִדישער פֿרײַער פּראָפֿעסיע, וואָס איז נאָך איצט אויך געווען די סאַמע פֿאַרשפּרייטסטע, האָבן זיך ייִדן גערוקט אין די ערשטע רייען מיט אַ סך ווייניקער אימפּעט ווי אויפֿן לחלוטין נײַעם געביט פֿון יוריספּרודענץ: די מעדיציניש׳ע פּראָפֿעסיע איז ענג פֿאַרבונדן ניט מיט ביוראָקראַטישער קאַריערע, נאָר מיט דער אוניווערסיטעט-קליניק און פּראָפֿעסור, פֿון וואָס ייִדן זײַנען געווען דערווײַטערט. יחידים פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ דרינגען אַרײַן אויך אין די אַנדערע מיניסטעריומס: אין פֿינאַנץ-מיניסטעריום און אין מיניסטעריום פֿאַר קאָמוניקאַציע ווי באַן-אינזשעניערן, אַפֿילו אין פֿלאָט-מיניסטעריום,[190] אָבער נאָר ווי אַ יוצא מן הכּלל, אָדער ווי געשמדטע. אין אַ קורצער צײַט גיבן ייִדן אַ שורה אָנגעזעענסטע פֿאָרשטייער אין דער רוסישער מוזיק, קונסט, וויסנשאַפֿט און טעכניק, אין צײַטונגס- און פֿאַרלאַגס-וועזן און אויף אַנדערע איטעליגענטישע געביטן, אַ מאָל ווי ייִדן, דאָס רובֿ אָבער ווי געשמדטע.[191]

אַזוי מאַכט קאַריערע די דיפּלאָמירטע ייִדישע אינטעליגענץ. די גרעסטע קאַריערע מאַכן, פֿאַרשטייט זיך, די משומדים, וואָס פֿאַר זיי זײַנען אָפֿן אין רוסלאַנד טיר און טויער. שוין דעמאָלט פֿאַרכאַפּט דער שמד צוליב קאַריערע אַ היפּשן טייל פֿון דער אינטעליגענץ, אמת אַ סך קלענערן, ווי אין די 80ער יאָרן, בעת די אָפּטריניקע האָבן געזוכט צו ראַטעווען זיך פֿון די אַנטיסעמיטישע רדיפֿות און פּטור ווערן פֿון דער שאַרף געשטעלטער ייִדישער פֿראַגע. די משומדים דערהייבן זיך גאַנץ הויך אויפֿן רוסישן ביוראָקראַטישן לייטער, און די מאָדערנע ייִדישע גבֿירים און אַסימילירטע אינטעליגענץ באַציִען זיך צו זייער אָפּטריניקייט אין אַלגעמיין גאַנץ ליבעראַל; דער בעסטער באַווײַז איז, וואָס אַפֿילו די „חבֿרה מפֿיצי-השׂכּלה“ האָט בײַ איר גרינדונג אויסגעקליבן דרײַ משומדים פֿאַר אירע ערן-מיטגלידער. א. ב. גאָטלאָבער, וואָס האָט באַקומען אונטערשטיצונג פֿונעם רײַכן פּעטערבורגער משומד אבֿרהם האָראָוויץ, האָט אַמאָל ציניש געזאָגט: „ומי יתן והיה כל עם ה׳ משומדים“—הלוואַי זאָל גאָטס פֿאָלק

---

190 אַן אָנגעזעענער באַאַמטער אין פֿלאָט-מיניסטעריום איז געווען וואַסילי ראָזען פֿון ראָסיִין (אַ געשמדטער); זײַן ברודער איז געווען אַ ייִדישער צענזאָר אין ווילנע.

191 מיר ווילן דאָ אָנווײַזן נאָר אויף די וויכטיקסטע אין די פֿאַרשיידענע געביטן: באַוווּסטע דאָקטוירים, מעדיציניש פֿאָרשער און פֿיזיאָלאָגן זײַנען געווען ד״ר נתן בערנשטיין, דאָצענט פֿון אוניווערסיטעט אין אָדעס, פּראָפֿ׳ ניקאָלאַי באַקסט, די לײַב-מעדיקער יוסף בערטענסאָן און זײַן פּלימעניק לעוו בערטענסאָן און פּראָפֿ׳ מאַרטין האָרוויץ — די לעצטע דרײַ געשמדט; דער פֿיזיאָלאָג פּראָפֿ׳ איליאַ ציאָן, אויך אַ משומד, איז שפּעטער געוואָרן אַ פֿינאַנץ-טוער. באַקאַנטע אײַזנבאַן-אינזשעניערן, וואָס האָבן געדינט אין אײַזנבאַן-דעפּאַרטאַמענט, זײַנען געווען טענענבוים און אַרטור אַבראַמסאָן. איינער פֿון די שאַפֿער פֿון דער רוסישער פֿאָלקלאָר-פֿאָרשונג איז געווען דער משומד פּאַוועל שײַן. באַוווּסטע אָריִענטאַליסטן זײַנען געווען א. הרכּבֿי און דער געשמדטער ד. כוואָלסאָן. אויפֿן געביט פֿון מוזיק איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען פֿון די ברידער אַנטאָן און ניקאָלאַי רובינשטיין און דעם וויאָלאָנטשעליסט ק. דאַווידאָוו, וואָס האָבן אַלע דרײַ געשטאַמט פֿון ייִדן; די ברידער רובינשטיין זײַנען אויך געווען די גרינדער פֿון די ערשטע קאָנסערוואַטאָריעס, אין פּעטערבורג און מאָסקווע. דער ערשטער ייִד אין דער פּעטערבורגער קונסט-אַקאַדעמיע איז געווען באַכמאַן, גלײַך נאָך אים קומט מ. אַנטאָקאָלסקי. די גרינדער פֿון די גרעסטע פֿאַרלאַגן אין רוסלאַנד, וואָלף און מאַרקס, האָבן געשטאַמט פֿון דײַטשע ייִדן; פֿון די קלענערע פֿאַרלעגער זײַנען געווען באַקאַנט באַקסט און עטינגער; דער אַרויסגעבער פֿון „נאָוואָסטי“ איז געווען דער משומד נאָטאָוויטש. אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור זײַנען ייִדן געווען זייער שוואַך, מער אָרט פֿאַר-נעמען זיי דעמאָלט אין דער זשורנאַליסטיק, אָבער אויך ניט אין די ערשטע רייען. וועגן אייניקע פֿון די דערמאָנטע פּערזאָנען זע די ציט׳ סעריע פֿון ש. גינזבורג.

באַשטיין פֿון לויטער משומדים...[192] די משומדים, וואָס ווערן הויכע באַאַמטע, ווערן מיט דער צײַט אַן אָרגאַנישער טייל פֿון דער רעגירונגס-מאַשין, וואָס דריקט אויפֿן לאַנד, אויף ניט-ייִדן ווי אויף ייִדן, און אויף די לעצטע באַזונדערס. פֿון דעם מין משומדים ווילן מיר דאָ אָנווײַזן אויף עטלעכע טיפּישע, כמעט אַלע אויפֿן געביט פֿון מאַגיסט-ראַטור. דער געוועזענער ישיבֿה-בחור און תּלמיד פֿון ווילנער ראַבינער-שול, אַנאַטאָלי גאַסמאַן, וואָס איז געווען אַ סטיפּענדיאַנט פֿון דער „חבֿרה מפֿיצי-השׂכּלה“, דערהייבט זיך מיט דער צײַט ביז צו אַ סענאַטאָר און וויצע-מיניסטער.[193] דער זון פֿון אַ ייִדישן צענזאָר פּ. גרעדינגער איז שפּעטער געוואָרן איינער פֿון די רעאַקציאָנערסטע סענאַטאָרן און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטיקן די רוסישע פּרעסע.[194] אויך דער רעאַקציאָנערער סענאַטאָר און פֿאַרביסענער אַנטיסעמיט קאָבילינסקי האָט געשטאַמט פֿון ייִדן.[195] פֿון ייִדישן אָפּשטאַם זײַנען אויך געווען די באַקאַנטע סענאַטאָרן פֿוקס און קאָני.[196] ע. פֿוקס איז געווען פֿאָרזיצער אויפֿן באַרימטן פּראָצעס פֿון די טעראָריסטן פֿון 1טן מערץ 1881, ווען ס'זײַנען געשיקט געוואָרן אויף דער תּליה זעקס פֿירער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, צווישן זיי צוויי פֿרויען.[197] סענאַטאָר א. קאָני איז געווען פֿאָרזיצער אויפֿן פּראָצעס פֿון ווערע זאַסוליטש (מערץ 1878) און, ווי מ'נעמט אָן, האָט זײַן רעזיומע פֿאַר די געשוווירענע געווירקט אויפֿן באַפֿרײַונגס-אורטייל; מחמת דעם האָט קאָני געקראָגן אַ שם פֿון אַ ליבעראַל און די רעגירונג איז געווען אויף אים אָנגעשטויסן, שפּעטער אָבער האָט ער זײַן חטא אויסגעקויפֿט און האָט געקראָגן די שליחות צו פֿירן די אויספֿאָרשונג וועגן דעם ניט געראָטענעם אַטנטאַט אויף אַלעקסאַנדער III אין 1888 (אויף דער סטאַנציע באָרקי), — דעם לעצטן פּרווו פֿון אַ צאַרן-אַטנטאַט אין רוסלאַנד.

אַ טיפּישע פֿיגור פֿון אַ משומד אַ קאַריעריסט איז געווען איליאַ ציאָן, לויט אייניקע ידיעות—אַ זון פֿון אַ קאַנטאָניסט, וועלכער איז צוריק געוואָרן אַ ייִד. איליאַ ציאָן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַנע פֿעיִקייטן, האָט זיך געשמדט און אָנהייב די 70ער יאָרן פֿאַרנומען אין דער פּעטערבורגער מעדיציניש-כירורגישער אַקאַדעמיע די קאַטעדרע פֿון פֿיזיאָלאָגיע נאָכן באַרימטן פֿיזיאָלאָג סעטשענאָוו, זײַן לערער. אָבער מחמת זײַן רעאַקציאָנערער שטימונג האָט ער געהאַט אַ סיכסוך מיט די סטודענטן, האָט פֿאַרלאָזן די אַקאַדעמיע און איז אַריבער אין פֿינאַנץ-מיניסטעריום, ווו ער האָט אויך אַרויסגעוויזן גרויסע פֿעיִקייטן. ער ווערט שפּעטער באַשטימט פֿאַרן רוסישן פֿינאַנץ-אַגענט אין פֿראַנקרײַך און באַקומט דאָ צום ערשטן מאָל אַ הלוואה פֿאַר רוסלאַנד. ער צעקריגט זיך אָבער מיטן פֿינאַנץ-מיניסטער ווישנעגראַדסקי און שפּעטער מיט וויטען און פֿירט קעגן זיי אַזאַ פֿאַרביסענעם פּערזענלעכן קאַמף אין אויסלאַנד אין אַ ריי פּאַמפֿלעטן אין פֿראַנצייזיש און רוסיש, אַז סוף כּל סוף האָט די רוסישע רעגירונג אין 1895 בײַ אים אָפּגענומען די רוסישע בירגערשאַפֿט. זײַן קאַמף פֿירט ציאָן פֿון רעכטס און באַשולדיקט די ביידע מיניסטאָרן ווי געפֿערלעכע „רעוואָלוציאָנערן“ און „ניהיליסטן“...

---

192 זע די ציט' זכרונות פֿון ג. ג. אין „Евр. Старина“ 1914, ז' 435, הערה.

193 וועגן א. גאַסמאַן זע: ש. ל. ציטראָן, משומדים, 3טער טייל, ז' 293—307 (באַנוצן זיך פֿאָרזיכטיק) און די ציט' סעריע „משומדים“ פֿון שאול גינזבורג אין „פֿאָרווערטס“.

194 ש. גינזבורג, די ציט' סעריע.

195 דאָרטן, לויט דער עדות פֿון ה. סליאָזבערגן.

196 זע די זכרונות פֿון ה. סליאָזבערג Дела минувших дней (פּאַריז 1933), ב' 1, ז' 239—243; אויך פּריוואַטע ידיעות, וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון יעקבֿ טייטעל. דער אמתער פֿאַמיליע-נאָמען פֿון קאָני איז קאָנטיק געווען קאָן; זײַן פֿאָטער, אַ געשמדטער אַרטיסט אין פּעטערבורג, האָט אים קינדווײַז אָפּגעשמדט.

197 סאָפֿיאַ פּעראָווסקי און העסיע העלפֿמאַן (העלפֿמאַן האָט מען די טויטשטראָף פֿאַרביטן אויף קאַטאָרגע, אָבער אין גיכן איז זי געשטאָרבן אין דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג).

זײַן רעאַקציאָנערע פֿינאַנץ-פּראָגראַם קעגן דער מער מאָדערנער און ליבעראַלער פּראָגראַם פֿון וויטען ווערט די פּראָגראַם פֿון די עקסטרעמע קאָנסערוואַטאָרן אין רוסלאַנד און ווערט מיט יאָרן שפּעטער איבערגענומען פֿון דער „שוואַרצער מאה“ אין איר קאַמף קעגן גראַף וויטע און זײַנע הנחות דער רעוואָלוציע פֿון 1905.[198]

די כּמעט פֿאַנטאַסטישע עוואָלוציע, וואָס דער ייִדישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענט האָט דורכגעמאַכט אין משך פֿון גאָר אַ קורצער צײַט—פֿון דעם שטילן שטעטל אין תּחום ביז צו די הויכע פֿענצטער פֿונעם ביוראָקראַטישן פּעטערבורג,—האָט אָבער אָנגערירט נאָר די שפּיצן פֿון דער אינטעליגענץ. די איבעריקע מאַסע דיפּלאָמירטע האָבן געמאַכט אַ סך אַ דעמאָקראַטישערע און באַשיידענערע קאַריערע, אָבער אידעאָלאָגיש האָבן זיי זיך געצויגן צו אָט די שפּיצן. אונטער דעם דאָזיקן שיכט איז געלעגן אַ קרײַז פּראָווינציעלע משׂכּילים, דאָס רובֿ אויטאָדידאַקטן,—לערער פֿון די ראַבינער-שולן און קראָנשולן, העברעיִשע לערער און שרײַבער, מעסיקע בעל-הבתּישע קינדער און גלאַט משׂכּילישע יונגע לײַט; פֿאַר זיי זײַנען די גרויסשטאָטישע גבֿירים און טיטולירטע אינטעליגענטן, וואָס זײַנען געוואָרן קרובֿים למלכות, געוואָרן אַ מוסטער פֿון ציוויליזאַציע און אייראָפּעיִשקייט, אַן אידעאַל, וועגן וועלכן זיי האָבן יאָרן לאַנג געטרוימט. דעם מיטן פֿון דעם לייטער האָט פֿאַרנומען די קלײנע גרופּע „אוטשאָניע יעווריי“ (געלערנטע ייִדן)—די רעפּרעזענטן וועגן ייִדישע ענינים ביי אייניקע מיניסטעריומס און בײַ די גענעראַל-גובערנאַטאָרן פֿון די ייִדישע געגנטן, די „קאַזיאָנע“ ראַבינערס און אויך די ייִדישע צענזאָרס, וואָס צווישן זיי זײַנען געווען ניט ווייניק געשמדטע.[199]

די צוויי נײַע סאָציאַלע פֿאָרמאַציעס, די ייִדישע פּלוטאָקראַטיע און די שפּיצן פֿון דער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ, זײַנען געווען אויפֿריכטיק געטרײַ און אונטערטעניק דער רעגירונג. מיטן ראַדיקאַלן רוסלאַנד, אַפֿילו מיט דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע, האָבן זיי גאָר ניט געהאַט צו טון; טאָמער מערקט זיך יאָ צווישן זיי אַ לײַכטער ליבעראַליזם, קומט ער נאָר ווי אַ רעאַקציע אויף די אַנטיסעמיטישע עוולות, אָבער ניט חלילה פֿון אַן אָפּאָזיציע צום צאַריזם. דאָס אייגענע מערקט זיך אויך בײַ די מיטל-גרופּעס פֿון די משׂכּילים און קאַזיאָנע ממונים איבערן ייִדישן גײַסט. זיי אַלע זײַנען געקומען אויף דער וועלט אַ דאַנק דעם חסד פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און זײַן ייִדן-פּאָליטיק, און אַלע זייערע אינטערעסן האָבן זיי ענג פֿאַרבונדן מיט דער

---

198 דיי ביאָגראַפֿיע פֿון א. ציאָן פֿאַרדינט אַ באַזונדער באַהאַנדלונג, און מיר האָפֿן בײַ אַ געלעגנהייט אומצוקערן זיך ספּעציעל צו דער טעמע, וואָס איז אין דער רוסישער ליטעראַטור ביז איצט ניט אויסגעפֿאָרשט.

199 די געשיכטע פֿון דער ייִדישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד און דער אויפֿגעקומענער ייִדישער בורזשואַזיע איז נאָך ווײַט ניט אויסגעפֿאָרשט, דער מאַטעריאַל איז אַ קנאַפּער און צופּעליקער, צעוואָרפֿן אין זכרונות און צײַטונגס-אַרטיקלען, וואָס ניט שטענדיק קען מען זיך אויף זיי פֿאַרלאָזן. די וויכטיקסטע מקורים: ה. סליאָזבערג, די ציט' מעמוארן (3 בענד) און אויך זײַן יובֿל-מאָנאָגראַפֿיע וועגן באַראָן גינצבורג (פּאַריז 1933, ייִדיש; פֿאַראַן אויך אַ רוסישע און אַ פֿראַנצויזישע אויסגאַבע); ש. גינזבורג, היסטאָרישע ווערק, ב' 2, ז' 117 (וועגן דער פֿאַמיליע גינצבורג, דער עיקר אויפֿן סמך פֿון סליאָזבערגס מאָנאָגראַפֿיע) און אַנד' אַרטיקלען אין די בענד, ווי אויך זײַנע סעריעס אַרטיקלען אין „פֿאָרווערטס“, באַזונדערס פֿאַר 1936—1937; גראַף וויטע, מעמוארן (בערלין 1923), ב' 1 (ידיעות וועגן אייניקע באַן-מאַגנאַטן און באַנקירן); די ציט' זכרונות פֿון ג. ב. אין „Евр. Старина“ 1914, ז' 234 און 429 א"ו, אויך 1915, ז' 85 און 186 א"ו; די זכרונות פֿון א. קויפֿמאַן За много лет אין „Евр. Старина“ 1913, ז' 201 און 333 א"ו; זע אויך אונדזער געשיכטע פֿון דער „חבֿרה מפּיצי השׂכּלה“. אַ סך וויכטיקע אָנווײַזן זײַנען צעוואָרפֿן אין דער „יעווריי' ענציקלאָפּעדיאַ“ (רוסיש, פּעטערבורג). ספּעציעל וועגן משומדים זע ש. ל. ציטראָן, דצ"וו, 3 בענד, אָבער ווײַט ניט שטענדיק קען מען זיך אויף אים פֿאַרלאָזן. פֿאַר דער ווײַטערדיקער תּקופֿה פֿון סוף די 70ער און פֿון די 80ער יאָרן זײַנען וויכטיק די זכרונות פֿון מרדכי בן הלל הכּהן, מערבֿ עד ערבֿ (ווילנע 1904), באַזונדערס ב' 1, אויך זײַנע אַנדערע אַרטיקלען.

רעגירונג. זיי האָבן אויפריכטיק ניט געקענט תּופֿס זײַן, ווי אַזוי קען אַ געבילדעטער מענטש, פֿאַר וועלכן ס'זײַנען דעמאָלט געווען אָפֿן אַלע טירן, ברעכן די קאַריערע און גיין בונטעווען, און באַזונדערס: ווי אַזוי קען דאָס אַ יִיד גיין קעגן דער רעגירונג? זייער פּאַטריאָטיזם איז געווען פּרימיטיוו ביז גאָר: יִדן דאַרפֿן זײַן לאָיאַל און דאַנקבאַר.

באַזונדערס בולט איז די דאָזיקע שטימונג בײַ דער יִדישער פּלוטאָקראַטיע און די קרײַזן אַרום איר. ע. לעווין, יוזל גינצבורגס סעקרעטאַר פֿאַר יִדישע כּלל-ענינים, לאָזט אים וויסן אין אַ בריוו (1870), אַז אַ. צעדערבוים בעט צו פֿינאַנסירן זײַן אָרגאַן „וועסטניק רוסקיך יעוורעיעוו", און אונטערשטיצט פֿון זײַן זײַט די דאָזיקע בקשה: „דאָס וועט זײַן — שרײַבט ער — דורכויס אונדזערער אַן אָרגאַן, דאָס מיינט דער אָרגאַן פֿון לאָיאַל דענקנדיקע מענטשן; מיר וועלן ניט רעדן צו דער מאַכט מיט אַזאַ חוצפּה, ווי דאָס טוט דער „דיען".[200] די „חוצפּה" פֿון אָרשאַנסקיס-אָרנשטיינס רוסיש-יִדישער צײַטונג „דיען" אין אַדעס איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס זי האָט פֿאַרטיידיקט און געמאָנט יִדישע עמאַנסיפּאַציע, און פּאַטריאָטיש איז זי אַליין געווען געענוג. עס איז געווען נאַטירלעך פֿאַר די שטימונגען פֿון דער גרופּע, וואָס נאָך קאַראַקאָזאָווס אַטענטאַט, אין 1866, האָט די „חבֿרה מפיצי השׂכּלה", צום אָנדענק וואָס דער צאַר איז ניצול געוואָרן, געגרינדעט צוויי סטיפּענדיעס פֿאַר תּלמידים פֿון די ראַבינער-שולן.[201] ענג פֿאַרקניפּט מיט די רעאַקציאָנערע רעגירונגס-קרײַזן איז געווען באַזונדערס שמואל פּאָליאַקאָוו. גראַף וויטע שרײַבט אין זײַנע מעמואַרן, אַז פּאָליאַקאָוו איז געווען באַפֿרײַנדעט מיט קאַטקאָוון, דעם באַקאַנטן אידעאָלאָג פֿון דער רוסישער רעאַקציע; דער מאָסקווער „ליצײ פֿונעם יורש-עצר ניקאָלאַי" (אַ"ג „קאַטקאָווס ליצײ"), וואָס איז געווען אַ נעסט פֿון קאָנסערוואַטיזם און וווּהין יִדן האָבן, פֿאַרשטייט זיך, ניט געהאַט קיין דריסת-הרגל, איז געגרינדעט געוואָרן דער עיקר אויף די מיטלען פֿון פּאָליאַקאָוון און פֿון אַנדערע יִדישע גבֿירים.[202] לכּבֿוד דעם 25-יאָריקן יובֿל פֿון אַלעקסאַנדערס רעגירונג, אין 1880, האָט ש. פּאָליאַקאָוו מנדבֿ געווען אַ גרויסע סומע אויף אויסבויען אַן אינטערנאַט בײַם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, וואָס האָט זיך גערופֿן „פּאָליאַקאָווס קאָלעגיע"; אין דעם אינטערנאַט האָט מען לויט די סטאַטוטן קיין יִדישע סטודענטן ניט אַרײַנגעלאָזט.[203] אויך אין זײַנע אייגענע געשעפֿטן האָט פּאָליאַקאָוו אויסגעמיטן אָנצונעמען יִדן פֿאַר אָנגעשטעלטע, דערפֿאַר האָבן פֿון אים געלעבט ניט ווייניק רוסישע שׂררות, פֿאַרביסענע רעאַקציאָנערן. אָבער אַפֿילו דער בעסטער צווישן די יִדישע גבֿירים, באַראָן ה. גינצבורג, איז געווען ענג פֿאַרפֿלאָכטן מיט אַ סך הויכגעשטעלטע רעאַקציאָנערן; זײַן ביאָגראַף שרײַבט וועגן אים, אַז ער איז געווען „טיף לאָיאַל" און האָט „פֿײַנדלעך רעאַגירט אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד"; נאָכן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II האָט ער באַשטעלט בײַ אַנטאָקאָלסקין

---

200 זע אונדזער געשיכטע פֿון דער „חבֿרה מפיצי-השׂכּלה", ז' 90.

201 דאָרטן, ז' 154; עס איז גרינגלעך מעגלעך, אַז די סטיפּענדיעס האָבן באַקומען אַזעלכע תּלמידים, וואָס זײַנען שפּעטער אַרײַן אין די רייען פֿון די רעוואָלוציאָנערן...

202 גראַף ס. וויטע, מעמואַרן (רוס'), ב' 1, ז' 251.

203 ה. סליאָזבערג, ציט' ביאָגראַפֿיע פֿון באַראָן גינצבורג, ז' 98; פֿ"גל אויך די ציט' זכרונות פֿון א. קויפֿמאַן אין „Евр. Старина" 1913, ז' 348 (דער מחבר דערציילט דאָרט אַגבֿ, ווי ש. פּאָליאַקאָוו האָט אָנגענומען מיטלען, אַז גאָלדפֿאַדענס טרופּע זאָל ניט שפּילן יִדיש טעאַטער אין פּעטערבורג). אין 1882, בעת די „קאָלעגיע" איז אויסגעבויט געוואָרן, זײַנען צווישן די פּעטערבורגער סטודענטן פֿאָרגעקומען אומרוען: דער ראַדיקאַלער טייל האָט פּראָטעסטירט קעגן פּאָליאַקאָווס חסדים און קעגן אַ דאַנקאַדרעס, וואָס די רעאַקציאָנערע סטודענטן האָבן אים דערלאַנגט אין אַלעמענס נאָמען. זע וועגן דעם אין דראַגאָמאַנאָווס אָרגאַן „Вольное Слово" 1882, נו' 48 א"וו אין אַ ריי אַרטיקלען.

דעם צאַרס סטאַטוס פֿאַר דער פעטערבורגער כאָרשול, און דאָס איז ניט נאָר געווען חניפֿה צו דער מאַכט.

אין 1879 האָט מען, ווי באַקאַנט, אַרעסטירט לויט אַ מסירה דעם באַרימטן העברעיִשן פּאָעט יהודה־ליב גאָרדאָן, וועלכער איז דעמאָלט געווען סעקרעטאַר פֿון דער „חבֿרה מפּיצי־השׂכּלה" און פֿון דער פעטערבורגער קהילה־פֿאַרוואַלטונג; אויף זײַנע פּאַטראָנען איז אָנגעפֿאַלן אַזאַ פּחד, אַז קיינער פֿון זיי האָט ניט געוואָלט זיך אײַנשטעלן פֿאַר אים, הגם אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז מער ווי אַ לאָיאַלער בירגער. אין זײַנע זכרונות וועגן דעם אַרעסט[204] שרײַבט י. ל. גאָרדאָן מיט גרויס פֿאַרביטערונג וועגן אָט דער האַלטונג פֿון די גבֿירים. די דאָזיקע מסירה, וואָס איז איצט גענוג אויפֿגעקלערט לויט די אַרכיוון,[205] איז אַליין פֿאַר זיך אַ בולטע אילוסטראַציע פֿון די רוסישע פּאָליציי־מעטאָדן, פֿון איין זײַט, און פֿון דער פּאָליטישער דעמאָראַליזאַציע, וואָס האָט געהערשט אין די פעטערבורגער ייִדישע קרײַזן — פֿון דער צווייטער. י. ל. גאָרדאָן, ווי אַ סעקרעטאַר פֿון דער קהילה, האָט געפֿירט אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן די אָרטאָדאָקסן וועגן דעם ענין רבנות אין פעטערבורג — אַ קאַמף, וואָס איז אויך ניט געווען גאָר קיין ריינער לויט זײַנע מעטאָדן. די פעטערבורגער אָרטאָדאָקסן, בראש מיט זייער רבֿ ר' זלמן לאַנדוי, האָבן אים געהיים פֿאַרמסרט, אַז „אונטער דער פֿירמע גינצבורג" (געמיינט די „חבֿרה מפּיצי־השׂכּלה") גיט גאָרדאָן געלטשטיצע די ייִדישע סטודענטן־רעוואָלוציאָנערן, אַז ער זאַמלט געלט אויף רעוואָלוציאָנערע צוועקן וכדומה אומגעלומפּערטע בילבולים. די פּאָליציי האָט אין מערץ 1879 אַרעסטירט י. ל. גאָרדאָנען און זײַן פֿרוי, אַרײַנגעזעצט אין תּפֿיסה און שפּעטער זיי פֿאַרשיקט קיין אָלאָנעצקער גובערניע, וווּ זיי זײַנען אָפּגעווען לערך 4 חדשים. די פּאָליציי האָט צוגעטשעפּעט י. ל. גאָרדאָנען צו די אַרעסטן פֿון אַ גרופּע ווילנער, וואָס זי האָט פֿאַרנומען אין פעטערבורג אין דער זעלביקער נאַכט (דעם 24סטן מערץ 1879). אין דער גרופּע זײַנען געווען זעקס מיטגלידער פֿון דער פֿאַמיליע קאַיראַנסקי, מאיר קעווער און זײַן פֿרוי און אויך מאַקס גאָרדאָן און זײַן פֿרוי, אַ געבוירענע קאַיראַנסקי. די קאַיראַנסקיס זײַנען געווען ווײַטע קרובֿים פֿון י. ל. גאָרדאָנען. באַשולדיקט האָט מען די אַרעסטירטע ווילנער אין האָבן אַ שײַכות צו אַ געהיימער דרוקערײַ אין פעטערבורג און צום אַטענטאַט אויפֿן שעף פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" גענ' דרענטעלן, וואָס איז פֿאָרגעקומען מיט אַ טעג צען פֿאַר דעם.[206] מאַקס גאָרדאָן, אַן אוראייניקל פֿונעם אַלטן ווילנער רבֿ ר' ישׂראל גאָרדאָן, איז אין פעטערבורג געווען אַ זעצער, און אויף אים איז דער חשד געפֿאַלן מער ווי אויף די אַנדערע. די פּאָליציי, וועמען די אָרטאָדאָקסישע מוסרים אויף י. ל. גאָרדאָנען האָבן אונטערגעשמירט, האָט אויסגעטראַכט, אַז מאַקס גאָרדאָן איז זײַן ברודער, און ניט מאַכנדיק קיין לאַנגע חקירות ודרישות האָט זי אים ביז וואַנען וואָס פֿאַרשיקט אין די ווײַטע גובערניעס; שפּעטער האָט זיך אַרײַנגעמישט די העכערע מאַכט און מ'האָט י. ל. גאָרדאָנען אומגעקערט פֿון פֿאַרשיקונג, אָבער צו זײַן אַמט פֿון סעקרעטאַר אין דער קהילה און דער בילדונגס־חבֿרה האָט ער זיך שוין ניט אומגעקערט. מאַקס גאָרדאָנען, זײַן פֿרוי און איינעם פֿון די קאַיראַנסקיס, שלמה,[207] האָט מען פֿאַרשיקט קיין סיביר, די איבעריקע — קיין ווילנע.

---

204 געדרוקט אין ז"ב „Пережитое" ב' 4 (1913), ז' 1—45.

205 שאול גינזבורג, היסטאָרישע ווערק, ב' 1, ז' 121—139, אויך 296—300.

206 אַטענטאַט פֿון מירסקי אויף דרענטעלן דעם 13טן מערץ 1879; דער אַטענטאַט איז ניט געראָטן. די ידיעות וועגן דעם אַרעסט אין פעטערבורג פֿון די קאַיראַנסקיס, קעווער און מאַקס גאָרדאָן נעמען מיר פֿון ביאָ־ביבליאָגר' לעקסיקאָן ב' II (70ער יאָרן), ווו ס'זײַנען פֿאַראַן נאָטיצן וועגן זיי, און אויך פֿון די מאַטעריאַלן אין געוו' ווילנער זשאַנדאַרמעריע־אַרכיוו.

207 שלמה קאַיראַנסקי איז געווען אַ מיטגליד נאָך פֿונעם ערשטן ווילנער רעוו' קרײַזל פֿון 1875 (זונדעלעוויטש־ליבערמאַנס) און אויך פֿונעם צווייטן פֿון 1876.

אונטער אַ פּאָליציייִשער השגחה. אין אַ מעלדונג פונעם ווילנער גובערנאַטאָר צו דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע ווערט אָנגעוויזן, אַז די פֿאַרשיקטע קיין ווילנע „האָבן געהאַט אַ שײַכות צום אָרגאַניזירן אין פּעטערבורג אַ געהיימע דרוקערײַ, צו דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור, צום אויסבאַהאַלטן דעם שולדיקן אין אַטענטאַט אויפֿן גענעראַל-אַדיוטאַנט דרענטעלן און צו דער בילדונג פֿון אַ געהיימער געזעלשאַפֿט, וואָס שטרעבט דערצו, אַז די געזעצן, וואָס באַגרענעצן די ייִדישע רעכט, זאָלן אָפּגעשאַפֿט ווערן".[208] עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אַזאַ געזעלשאַפֿט צווישן ייִדן-רעוואָלוציאָנערן אין יענע יאָרן האָט עקסיסטירט נאָר אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון דער פּאָליציי.

פֿון י. ל. גאָרדאָנס זכרונות ווענן זײַן אַרעסט זעט מען, ווי טיף באַליידיקט ער פֿילט זיך, וואָס מ'האָט אים געקענט חושד זײַן אין געהערן צו דער רעוואָלוציאָנערער חבֿרותא. אין אַ השתדלות-בריוו, מיט וועלכן ער האָט זיך פֿון דער פֿאַרשיקונג געווענדט צום געוועזענעם ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿאָן-קויפֿמאַן, קלאָגט ער זיך ביטער אויף דער מסירה פֿון די אָרטאָדאָקסן און ווײַזט אָן, אַז ער, וועמען דער מאָנאַרך האָט באַשאָנקען מיטן טיטול „ערן-בירגער", איז באַקאַנט „ווי אַ פּאָליטיש-לאָיאַלער מענטש, וואָס איז ניט פֿעיִק אויף אַזעלכע אומדערלאָזלעכע מעשים, ווי עס שרײַבן אים צו די ייִדן—אָבסקוראַנטן, וואָס מאַכן די רעגירונגס-מאַכט פֿאַר אַ געצײַג פֿון זייערע שעדלעכע פּערזענלעכע צוועקן".[209] אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך דער מסירה אויף גאָרדאָנען האָט עמעצער פֿאַרמסרט זײַן הויפּט-געגנער, דעם פּעטערבורגער רב און פֿירער פֿון די אָרטאָדאָקסן ר' זלמן לאַנדוי; אַ. צעדערבוים, וואָס האָט לחלוטין פֿאַרשוויגן גאָרדאָנס אַרעסט, האָט איצט אין זײַן צײַטונג געשריבן מיט גרויס אויפֿרעגונג ווענן דער מסירה אויף לאַנדוי.[210]

אין די 70ער יאָרן האָט זיך בכלל פֿאַרשאַרפֿט דער אַלטער קאַמף צווישן די אָרטאָדאָקסן און משׂכּילים איבער דער פֿראַגע פֿון רעליגיעזע רעפֿאָרמעס. די אָרטאָדאָקסיע, וואָס נעמט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירן ווי אַ קלעריקאַלע גרופּע, שטרעבט דערבײַ אָפּצונעמען בײַ די משׂכּילים דעם מאָנאָפּאָל אויף געטרײַ-אונטערטעניקייט דער רעגירונג, וואָס שטאַמט נאָך פֿון ניקאָלאַיס צײַטן. זי גייט אַריבער אין אָפֿענסיווע און וויל דערווײַזן, אַז זי איז אַ סך לאָיאַלער פֿון די אַפּיקורסים און אויפֿגעקלערטע, און דערבײַ שטעלט זי זיך ניט אָפּ פֿאַר פּשוטע מסירות. אַזוי איז עס געווען אין דעם אָקאָרשט דערמאָנטן פֿאַל מיט י. ל. גאָרדאָנען. נאָך פֿאַר דעם (אין 1870) האָט פּאַסירט אין קאָוונע, אַז די אָרטאָדאָקסן האָבן פֿונאַנדערגעקלעפּט איבערן שטאָט מודעות, און דווקא אין רוסיש, אַז די משׂכּילים זײַנען געפֿערלעכע „בונטאָווששיקעס"; זיי האָבן אויך פֿאַרמסרט דעם אָרטיקן משׂכּיל אַ. פּאָרט פֿאַר דער פּאָליציי, וועלכע האָט געמאַכט בײַ אים אַ רעוויזיע.[211] אין אַ פּאַמפֿלעט קעגן די משׂכּילים, וואָס די אָרטאָדאָקסן האָבן דעמאָלט

---

208 ווילנער זשאַנדאַרמעריע-אַרכיוו, ווענדונג פֿון ווילנער גובערנאַטאָר צו דער זשאַנדאַרמעריע פֿונעם 8 מאַי 1879, נו' 820 (געהיים); אין דער רשימה פֿון די פֿאַרשיקטע גייען אַרײַן: פּראָוויזאָר משה קאָיראַנסקי, געהילף-אַדוואָקאַט איסאַק קאָיראַנסקי, לערער אהרן קאָיראַנסקי, פּעסיע קאָיראַנסקי, מאיר קעוועס און זײַן פֿרוי דבֿורה, חיה פּעסקאָווסקי און בײַגע יאַדלאָווקער.

209 די ציט' זכרונות פֿון יל"ג אין „Пережитое" ב' 4, ז' 45.

210 „המליץ" 1879, פֿונעם 7 אַווגוסט; פֿ"גל י. ל. גאָרדאָנס ציט' זכרונות, ז' 42.

211 זע דאָס בוך פֿון צינבערג История еврейской печати (פּעטראָגראַד 1915), ז' 166, הערה; אויף ז' 164 א"ו ווערט דאָ אויך דערציילט ווענן דער „חבֿרת מצדיקי הרבים", וואָס די אָרטאָדאָקסן האָבן דעמאָלט געגרינדעט פֿאַרן קאַמף מיט די משׂכּילים און רעפֿאָרמיסטן, און ווענן די קונטרסים, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן; אויספֿירלעך איז די דאָזיקע באַוועגונג פֿון אָרטאָדאָקסן באַשריבן פֿונם באַקאַנטן אָרטאָדאָקסישן טוער יעקבֿ הלוי ליפּשיץ אין זײַנע זכרונות „זכרון יעקבֿ", ב' 2 (קאָוונע 1927), ז' 80 א"ו און באַזונדערס 104 א"ו.

פֿאַרשפּרייט, האָבן זיי געשריבן: „עס האָט נאָך ניט געטראָפֿן, אַז פֿרומע ייִדן זאָלן פֿירן קאָמפּאַניעס מיט בונטאָווטשטשיקעס און ניט פֿאָלגן די צאַרישע אוקאַזן. יענע אָבער, וואָס זײַנען עובֿר אויף דער תּורה... ווערן וואָס ווײַטער אַלץ מער ווידערשפּעניק אויך לגבי דער רעגירונג, ווערן מיט דער צײַט בונטאָווטשטשיקעס".[212] אויך די משׂכּילים פֿון זייער זײַט האָבן ניט געשוויגן און האָבן זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט פֿאַר מסירות. אָבער די אַטאַקע איז זיי איצט אויסגעקומען צו פֿירן ניט נאָר קעגן די אָרטאָדאָקסן, נײַערט אויך קעגן די ניהיליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אידעען, וואָס האָבן פֿאַרכאַפּט אַ טייל פֿון דער ייִדישער יוגנט. מיר וועלן שפּעטער זען, ווי די אַלטע פֿאָרשטייער פֿון די משׂכּילים, אַ. ב. גאָטלאָבער און אַ. צעדערבוים, האָבן זיך פֿאַרהאַלטן צו קאָוונערס ניהיליסטישער אַרויסטרעטונג אין דער העברעיִשער ליטעראַטור און צו ליבערמאַנס „האמת". דער פּאַטריאָטיש-קעמפֿנדיקסטער איז אויך איצט, ווי אין די צײַטן פֿון ניקאָלאַי I, דער אַלטער א. ב. גאָטלאָבער. אין יאָר 1878 למשל האָט ער זיך געווענדט צו דער „הויפּט-פֿאַרוואַלטונג וועגן פּרעסע-ענינים" (צענזור) מיט אַ בקשה צו דערלויבן אים אַרויסצוגעבן זײַן חודש-זשורנאַל „הבקר אור" ווי אַ וואָכנבלאַט און אַריבערטראָגן אים קיין אַדעס; דערבײַ האָט ער אַזוי מאָטיווירט זײַנע זכיות פֿאַר דער רעגירונג: שוין 50 יאָר, ווי ער האַלט אין איין פֿאַרשטאַרקן בײַ ייִדן די געפֿילן פֿון אונטערטעניקייט און „געטרײַשאַפֿט צום טראָן"; זײַנע פּאָעטיש-פּאַטריאָטישע ווערק האָבן ניט איין מאָל זוכה געווען צו ווערן גנאָדיק אָנגענומען פֿונעם מאָנאַרך; „אין דער איצטיקער צײַט-שרײַבט ער ווײַטער — איז נייטיק אַזאַ אויסגאַבע, וואָס זאָל האָבן דעם הויפּטציל צו שטעלן זיך אַקעגן די נײַסטע שעדלעכע סאָציאַליסטישע טעאָריעס, וואָס האָבן זיך צום אומגליק אַזוי גיך פֿאַרשפּרייט צווישן דער רוסיש-ייִדישער יוגנט, און עס וואָלט געווען צוועקמעסיק אַרויסצוגעבן דעם דאָזיקן אָרגאַן גראָד אין אַדעס... ווו די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט שוין באַוויזן צו לאָזן אייניקע וואָרצלען אויפֿן ייִדישן באָדן"...[213] דער באַקאַנטער רוסיש-ייִדישער בעלעטריסט א. באָגראָוו, אַ טיפּישער פֿאָרשטייער פֿון דער אַסימילירטער אינטעליגענץ, איז סוף די 70ער יאָרן אַרויסגעטראָטן מיט אַ ראָמאַן-פּאַמפֿלעט קעגן די ייִדישע „ניהיליסטן" א"נ „דער שוים פֿון יאָרהונדערט" וואָס האָט זיך געדרוקט אין „ראַזסוועט", אָבער מחמת די פּראָטעסטן מצד דער ייִדישער יוגנט האָט מען דעם ראָמאַן געמוזט איבעררײַסן.[214]

די נײַע אידעען, וואָס האָבן דעמאָלט געשוועבט אין דער לופֿטן, האָבן נאָך פֿריִער, מיטן די 60ער יאָרן, אַרײַנגעטראָגן אַ שפּאַלטונג אין די רייען פֿון די משׂכּילים און אָנגעמאַכט אַ שטיקל מהומה. מיר מיינען דאָ די פּראָפּאַגאַנדע פֿון ניהיליזם, מיט וועלכער ס'איז דער ערשטער אַרויסגעטראָטן אין דער העברעיִשער ליטעראַטור אבֿרהם-אורי קאָוונער. די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט לחלוטין גאָר ניט געהאַט צו טון מיט רעוואָלוציע און סאָציאַליזם, און מחמת דער פֿאַלשער אויסטײַטשונג פֿונעם באַגריף „ניהיליזם" איז קאָוונער פֿאַררעכנט געוואָרן פֿון אייניקע שרײַבער פֿאַר אַ מין סאָציאַליסטישן קעמפֿער. אין דער אמתן א'ז עס לחלוטין ניט אַזוי, אָבער זײַן ראָלע פֿון אַ דיסידענט און נאָוואַטאָר אין דער העברעיִשער ליטעראַטור און אין דעם משׂכּילישן לאַגער איז זיכער געווען ניט קיין קליינע. אין זײַנע צוויי זאַמלונגען פֿון אַרטיקלען „חקר דבר" (1865) און באַזונדערס „צרור פּרחים" (1867) האָט קאָוונער מיט אַ טעמפּע-

---

[212] צינבערג, דצ"ו, ז' 166; דער פּאַמפֿלעט האָט געהייסן „מלחמה בשלום" און דער ציט' אַרטיקל טראָגט דעם כאַראַקטעריסטישן נאָמען „הדרת מלך"...

[213] דאָרטן, ז' 263, ווערט געבראַכט דער פֿולער טעקסט פֿון דער ווענדונג.

[214] דער דאָזיקער ראָמאַן Накипь века האָט זיך געדרוקט מיט הפֿסקות אין „ראַזסוועט" 1879 — 1881; וועגן דער שאַרפֿער אומצופֿרידנקייט פֿון דער יוגנט מיט דעם ראָמאַן זע די זכרונות פֿון מרדכי בן-הלל הכּהן, מערב עד ערב, (ווילנע 1924) ב' 1, ז' 182 א"ו.

ראָמענט פֿון אַן אמתן קעמפֿער און אויך פֿון אַ צולהכעיסניק מיט גאַל אויסגעלאַכט די אַלטע משׂכּילישע בטלנות און פּוסטע מליצה, האָט אַרונטערגעריסן די אַלטע אויטאָריטעטן און פֿאַרשימלטע פּרינציפּן און דערמיט אָן שום ספק געהאָלפֿן צו ראַדיקאַליזירן די שטימונג בײַ די יונגע השׂכּלה־זוכער. אָבער דעם דאָזיקן „ייִדישן פּיסאַרעוו“ האָט געפֿעלט דער טיפֿער ערנסט און אויך דער רעוואָלוציאָנערער גײַסט פֿון זײַן רוסישן לערער און געוויס זײַן טאַלאַנט, און דערפֿאַר האָט קאָוונערס פּראָפּאַגאַנדע ניט איבערגעלאָזט קיין טיפֿע שפּורן. זײַן ניהיליזם, וועלכן ער טראָגט אַריבער מעכאַניש פֿון דער רוסישער זשורנאַליסטיק, איז סוף כּל סוף זייער אַ פּלאַטשיקער; אַזוי שרײַבט ער אין זײַן בריוו צו אַ. י. פּאַפּערנאָ: „פּונקט ווי פּיסאַרעוו, בין איך אויך גרייט אָפּצוגעבן טויזנטער לידער פֿון דײַן פּושקין, לערמאָנטאָוו אָדער מיכ״ל [215] פֿאַר אַ פּשוטן, אָבער נוצלעכן אַרטיקל וועגן דעם ווי מ׳דאַרף באַמיסטיקן פֿעלדער“...[216] דער ייִדישער ישיבֿה־בחור האָט נאָך ניט טועם טעם געווען פֿון פּושקינען און לערמאָנטאָוון, האָט זיך נאָך ניט אָנגעזעטיקט מיט עסטעטיזם, ווי דער רוסישער אינטעליגענט, און דער נאַיִווער רוף צו „באַמיסטיקן פֿעלדער“ האָט געקלונגען אין זײַנע אויערן ווילד פֿרעמד. קאָוונער מאַכט נאָך פּיסאַרעוון און שרײַבט, אַז „די חשיבֿות פֿון אַ ליטעראַרישן ווערק ווערט געמאָסטן ניט מיט זײַנע קינסטלערישע מעלות, נאָר מיט זײַן נוצלעכקייט“; ער לאַכט אויס די העברעיִשע שפּראַך, פֿאַלט אָן אויפֿן תּלמוד און אויף דער ייִדישער מיטל־עלטערלעכער ליטעראַטור מיט איר „שלעכטן ריח“.[217] אָבער אין אַלע זײַנע אַרויסטרעטונגען פֿילט זיך פֿריער פֿאַר אַלץ די געקרענקטע פּערזענלעכע אַמביציע פֿון איינעם, וואָס רײַסט זיך צו פֿאַרכאַפּן אַ פֿאָדער־פּאָזיציע אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. בעת ער איז געזעסן שפּעטער אין תּפֿיסה, האָט ער זיך געווענדט צו דאָסטאָיעווסקין מיט אַ ווידוי־בריוו (1877), אין וועלכן ער שרײַבט: „מיך האָט באַוועלטיקט דער געדאַנק צו ווערן דער רעפֿאָרמאַטאָר פֿון מײַן אומגליקלעכן פֿאָלק... אָבער די ייִדן האָבן געברענט מײַנע ביכער און מיך פֿאַרשאָלטן“.[218]

נאָך די אַטאַקעס אויף אים מצד דער אַלטער משׂכּילישער גוואַרדיע פֿאַרלאָזט קאָוונער די העברעיִשע ליטעראַטור מיט אַ גרימצאָרן אויף ייִדן, וואָס פֿאַרשטייען אים ניט, און אויף די ייִדישע גבֿירים, וואָס האָבן אים ווייניק געשטיצט, און גייט אַריבער אין דער רוסישער זשורנאַליסטיק. שוין ווי אַ פֿרעמדער און אָפּט אין אַ טאָן פֿון אַ רענעגאַט רעכנט ער זיך דאָ אָפּ מיט דער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע, מיט די משׂכּילים און מיט דער ייִדישער פּלוטאָקראַטיע. ער פֿאַלט אָן אויף באַן־קאָנצעסיאָנערן און בערזע־ספּעקולאַנטן, אָבער — דער עיקר אויף די ייִדישע; זײַן הויפּט־גרימצאָרן לאָזט ער אויס צום באַנקיר אבֿרהם זאַק: אין זײַן באַנק איז ער געווען אָנגעשטעלט און געהאַט מיט אים פּערזענלעכע חשבונות. ער שרײַבט אויף א. זאַקן אַ ראָמאַן־פּאַמפֿלעט אין רוסיש „אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב“ און אין אַ בריוו צו אים רופֿט ער אים אָן „האַלב משוגענער זשידאָק“. דער „נאָוואָיע ווערעמיאַ“, וואָס איז דעמאָלט געווען נאָך אַ ליבעראַלער אָרגאַן, האָט ער פֿירגעוואָרפֿן, אַז זי איז „פֿאַרייִדישט“.[219] זײַן אַמביציעזער „ניהיליזם“ שטויסט

---

215 מיכ״ל = מיכה־יוסף לעבענזאָן (1828—1852) — באַוווסטער העברעיִשער לירישער פּאָעט.

216 דעם בריוו האָט א. פּ אַ פּ ע ר נ אָ אָפּגעדרוקט אין דער העבר׳ צײַטונג „הד הזמן“ 1909, נו׳ 132.

217 ווי באַקאַנט, האָט קאָוונער שוין מער אָנערקענט די „נוצלעכקײט“ פֿון ייִדיש, אָבער בײדע שפּראַכן, הן ייִדיש און הן העברעיִש, האָט ער געהאַלטן נאָר פֿאַר אַן איבערגאַנג אינעם „פּאַלאַץ פֿון די דער־הויבענע שפּראַכן“, געמיינט פּאַקטיש רוסיש.

218 זע דאָס בוך פֿונעם באַקאַנטן דאָסטאָיעווסקי־פֿאָרשער ל. ג ר אָ ס מ אַ ן Исповедь одного еврея (מאָסקווע — לענינגראַד 1924), ז׳ 103.

219 жидовствующее — זע צ י נ ב ע ר ג ס אַרט׳ וועגן קאָוונערן אין „Пережитое“ ב׳ 2, ז׳ 149, הערה (קאָוונערס אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט אין דער באַקאַנטער רוס׳ צײַטונג „Голос“ 1873).

אים, ווי באַקאַנט, צו אַ קרימינעלן פֿאַרברעך — צו פֿעלשן אַ וועקסל אויף א. זאַקס נאָמען, ער האָט אויף זיך דערפֿאַר אַ מיאוסן פּראָצעס, ווערט אַרײַנגעזעצט אין תּפֿיסה און שפּעטער פֿאַרשיקט קיין סיביר. און פֿון דער פֿאַרשיקונג ווענדט זיך אָט דער „ניהיליסט“ צו זײַן געוועזענעם פּראָקוראָר, צו מוראַוויאָוון, נאָך הילף ווי אַ קרבן פֿון ייִדישער נקמה. מוראַוויאָוו, דער באַרימטער פּראָקוראָר אויפֿן פּראָצעס וועגן צאַרן-מאָרד פֿון 1טן מערץ, וואָס איז דערפֿאַר שפּעטער דערהויבן געוואָרן צו אַ יוסטיץ-מיניסטער, אַ פֿאַרביסענער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט, ווערט זײַן „מלאך הגואל“, ווי קאָוונער אַליין שרײַבט וועגן אים, און אונטער זײַן השפּעה שמדט זיך קאָוונער אָפּ און פֿאַרענדיקט די יאָרן ווי אַ רעגירונגס-באַאַמטער אין לאָמזשע. ערגעץ טיף אין האַרצן איז בײַ אים נאָך פֿאַרבליבן אַ פּונק פֿון ליבע צום ייִדנטום, ווי מען זעט דאָס פֿון זײַנע שפּעטערדיקע זכרונות;[220] עס דערוועקן זיך אין אים אַלטע סענטימענטן, אָבער ער פֿאַרבלײַבט דער מענטש מחוץ למחנה. אַזוי טרויעריק האָט פֿאַרענדיקט דער ערשטער ייִדישער ניהיליסט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אַזאַ רעש. אייניקע פֿון זײַנע נײַסטע ביאָגראַפֿן פּרוּוון געפֿינען אין זײַנע ערשטע אַרטיקלען סאָציאַליסטישע אידעען,[221] אָבער די טירחה איז אַן אומזיסטע: ניהיליזם און סאָציאַליזם זײַנען כּלל ניט געווען תּמיד אידענטיש.

דער צווייטער ייִדישער ניהיליסט, יוסף יהודה לערנער, וואָס איז געגאַנגען אין קאָוונערס דרכים, אָבער אָן זײַן טעמפּעראַמענט, האָט אויך דורכגעמאַכט אַ לעבנסוועג, וואָס איז אין אַ סך פּרטים זייער ענלעך צו קאָוונערס. אויך אַ ישיבֿה-בחור און שפּעטער אַ משׂכּיל, און אויך אַ מיטאַרבעטער פֿון „המליץ“, צערײַסט לערנער מיט די אַלטע משׂכּילים און טרעט שאַרף אַרויס, אין זײַן בראָשור „דורש אל המתים“ (1869), קעגן די העברעיִשע אויטאָריטעטן. ער פּרעדיקט רעאַליזם און נאַטורוויסנשאַפֿט, באַקעמפֿט די ריינע קונסט („ווען דאָס פֿאָלק גענייטיקט זיך אין ברויט, קען מען אים ניט האָדעווען מיט זיסע זאַכן“), אָבער קיין רושם מאַכט ער שוין ניט, און מיט רעכט ווערט ער אָנגערופֿן „דער פֿאַרגעסענער ניהיליסט“.[222] אויך ער דערשלאָגט זיך ניט צו קיין פּאָזיציע אין דער העברעיִשער ליטעראַטור און גייט אַריבער אין דער רוסישער זשורנאַליסטיק, אָבער ער מאַכט דורך אָפּן דעם וועג פֿון אַן אַפּטריניק, שמדט זיך און ווערט אַן אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פֿון דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע. אין די זכרונות וועגן אַדעס אין די 80ער יאָרן פֿון אַן אַלטן רוסיש-ייִדישן זשורנאַליסט ווערט דערציילט, אַז די סאַמע גיפֿטיקסטע אַרטיקלען אין דעם אַדעסער עקסטרעם-אַנטיסעמיטישן אָרגאַן „נאָוואָראָסיסקי טעלעגראַף“ האָבן געהערט י. לערנערן: „ער איז געווען אַ פֿאַרברענטער ייִדנפֿײַנד, אַ מיסיאָנער און אַ שתּדלן בײַ דער פּאָליציי“; „עס איז ניט געווען יענע נבֿלה, ווערט ווײַטער געזאָגט, וואָס מען זאָל זי ניט געפֿינען אין די אַרטיקלען פֿונעם דאָזיקן געוועזענעם העברעיִשן שרײַבער“.[223] דער נאַראָדניק ס. טשודנאָווסקי דערציילט אין זײַנע

---

220 Из записок еврея געדרוקט אין „Исторический Вестник“ 1903, נו׳ 3—4.

221 פּג״ל ל. גראָסמאַן. דצ״וו, ז׳ 55. מיר ווילן בײַ דער געלעגנהייט אָנווײַזן אויף דער ליטעראַטור וועגן קאָוונערן; חוץ די אויבן דערמאָנטע מקורים זע אויך: צינבערג, История евр. печати—קאַפּ׳ 15; אַרט׳ פֿון ס. בּאָראָוואָי אין ז״ב „Еврейская Мысль“ (לענינגראַד 1926); אַרט׳ פֿון ר. ברײַנין אין דער העבר׳ צײַטונג „הצפֿה“ 1904, נו׳ 325, 326, 334 און 339, און אויך מרדכי בן הלל הכּהן אין „הצפֿה“ 1904, נו׳ 339; ש. ל. ציטראָן, רשימות לתולדות העתונות העבֿרית, אין „העולם“ 1913; אויך ציטראָנס בוך „משומדים“, 1טער טײל, ז׳ 67—90; אַרט׳ פֿון י. בּראַנשטײן אין ז״ב „צײַטשריפֿט“, ב׳ 5 (מינסק 1931), ז׳ 211—243. וועגן דעם קאַמף קעגן קאָוונערן און די ייִדישע „ניהיליסטן“ בכלל זע ווײַטער אין אונדזער אַרטיקל.

222 זע אַרט׳ פֿון ש. בּאָראָוואָי אין די „פֿילאָלאָגישע שריפֿטן“ פֿון ייִוואָ, ב׳ 3.

223 א. קויפֿמאַנס זכרונות За много лет אין „יעוור׳ סטאַרינאַ“ 1913, ז׳ 212.

מעמואַרן וועגן די באַגעגענישן אין אָדעסער תּפֿיסה, אין מיטן די 70ער יאָרן, מיט לערנערן, וועלכער איז געזעסן פֿאַר אַ קרימינעלן חטא, פֿאַר עפּעס אַ פֿעלשונג; לערנער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן נאָך דער באַפֿרײַונג אַרויסצוגעבן „ווי דאָסטאָיעווסקי" אַ „טאָגבוך פֿון אַ שרײַבער", און האָט עס טאַקע דורכגעפֿירט. דערנאָך איז ער געוואָרן אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פֿונעם „נאָוואָראָסיסקי טעלעגראַף" און פֿונעם אָרגאַן פֿון אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק און שפּעטער האָט ער זיך געשמדט „בכדי צו קענען — ווי ער האָט דערקלערט — פֿרײַ פֿירן פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר פֿאַרענטפֿערן די ייִדן-פֿראַגע דורך אַסימילאַציע מיט דער רוסישער באַפֿעלקערונג".[224] די אינצווייניקסטע סתּירות אין לערנערס פּערזענלעכקייט זײַנען נאָך שאַרפֿער און אומפֿאַרשטענדלעכער, ווי בײַ קאָוונערן: כמעט גלײַכצײַטיק מיט זײַנע אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען טרעט לערנער אַרויס מיט אַן אַפּאָלאָגיע פֿון ייִדנטום; ער איז אויך אַ הייסער אָנהענגער פֿון ייִדיש און דער מחבר פֿון אַ ריי בראָשורן און פּיעסעס פֿאַרן ייִדישן פֿאָלקס-טעאַטער, געשריבן אין אַ גאַנץ באַנאַלן נאַציאָנאַליסטישן גײַסט.[225] לערנער איז אויך דער מחבר פֿון אַ באַקאַנטער היסטאָרישער מאָנאָגראַפֿיע „די ייִדן און דער נאָוואָראָסיער געגנט" (רוסיש, 1901), געשריבן אויפֿן סמך פֿון אָפֿיציעלע דאָקומענטן, צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ פֿרײַען צוטריט.[226]

דער „העברעיִשער ניהיליזם", פּונקט ווי דער שפּעטערדיקער „העברעיִשער סאָציאַליזם", אינטערעסירט אונדז דאָ ניט פֿון ריין ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט, נאָר פֿון פּאָליטיש-סאָציאַלן. די ניהיליסטן אין דער העברעיִשער ליטעראַטור האָבן געהאַט דעם פֿאַרדינסט, וואָס זיי האָבן אַרײַנגעבראַכט די דאָזיקע אידעען אין דער ייִדישער סבֿיבֿה און געהאָלפֿן ראַדיקאַליזירן דעם געדאַנק בײַם יונגן דור אין תּחום. לויט זייער פּאָליטישן מהות אָבער זײַנען זיי געווען רעאַקציאָנער און אין דעם פּרט געשטאַנען אַ קאָפּ ניט העכער פֿון דער אַלטער משׂכּילישער אינטעליגענץ. פֿונעם ניהיליזם, ווי מיר ווייסן, האָט געצויגן יניקה ניט נאָר דער פּאָליטישער אידעאַליזם, נײַערט אויך דער בורזשואַזער אינדיווידואַליזם און דער וווּלגאַריזירטער „ניכטערער רעאַליזם".

קאָוונערס ניהיליסטישער מאַניפֿעסט האָט אַרויסגערופֿן אַן אמתן שטורעם אינעם לאַגער פֿון די אַלטע משׂכּילים, וואָס זײַנען אַרויס מיט לשון אינעם גײַסט פֿון די רוסישע רעאַקציאָנערן אין זייער קאַמף קעגן ראַדיקאַלן לאַגער. דער זקן-הסופֿרים, א. ב. גאָטלאָבער, וואָס איז אַליין געווען אין די אויגן פֿון דער אָרטאָדאָקסיע אַ געפֿערלעכער אַרונטעררײַסער פֿון אַלע אַלטע יסודות, האָט אָפּגעענטפֿערט קאָוונערן מיטן באַקאַנטן פּאַמפֿלעט „אגרת צער בעלי חיים" (1868), וואָס דערמאָנט די ערגסטע אַרגומענטן פֿון די רוסישע רעאַקציאָנערן. דער רוסישער טיטל אויפֿן שער-בלאַט הייסט: „וועגן דער שעדלעכער השפּעה פֿון ניהיליזם און זײַנע אויסגעבלאָזענע רעזולטאַטן", שוין אויפֿן שער דערקלערט דער מחבר, אַז ער דעקט אויף אין זײַן חיבור „די מוטנע וואַסערן פֿון ניהיליזם, וואָס האָט אַראָפּגעפֿירט פֿון וועג די יוגנט, וועלכע גייט אים נאָך, ווי אַן אָקס צו דער שחיטה". דער פּאַמפֿלעט איז פֿול מיט גראָבע זילזולים און אָנפֿאַלן אויפֿן ראַדיקאַלן לאַגער בכלל: „ניהיליסטן" מאַכט ער איבער אין „נגעי ליסטים" — רויבער-קרעץ; פֿונעם העלישן פֿײַער פֿון ניהיליזם, שרײַבט ער, „איז אַרויס אָט דער שרעקלעכער

---

224 ס. טשודנאָווסקי (Из давних лет (מאָסקווע 1934), ז' 112—113; לערנער האָט טאַקע אַרויסגעגעבן אין 1876 זײַנע העפֿטן אונטערן נאָמען „Записки гражданина" און ניט „Записки писателя" ווי טשודנאָווסקי מיינט.

225 זע לערנערס ביאָגראַפֿיע אין ז ל מ ן ר ײ ז ע נ ס לעקסיקאָן ב' 2, ז' 269—278. דער גרעסטער טייל פֿון לערנערס ייִדישע פּיעסעס זײַנען מיט עטלעכע יאָר צוריק געפֿונען געוואָרן אין כּתבֿ-יד אין זײַן עזבֿון און זײַנען אַריבער צום י י ו ו אָ, וווּ זיי געפֿינען זיך איצט.

226 דער זון פֿון יוסף יהודה לערנער איז דער באַוווּסטער רוסישער פּושקין-פֿאָרשער — נ. אָ. לערנער

קאַלב „פּר כּזב״ (אַ רמז אויף קאַראַקאָזאָוון), וועלכער האָט געוואָלט אומברענגען דעם גאָט-געזאַלבטן קיסר. גאָטלאָבער שטעלט זיך ניט אָפּ פֿאַר מסירה און ווײַזט אָן, אַז דער אמתער שולדיקער איז דער מחבר פֿון „טשטאָ דעלאַט״, וועלכער האָט „אַ סך מענטשן פֿאַרדאָרבן און אַראָפּגעפֿירט פֿון דרך-הישר״ (טשערנישעווסקי איז שוין דעמאָלט שווער אָפּגעקומען אויף קאַטאָרגע); דער ניהיליזם, שרײַבט ער ווײַטער, האָט צעשטערט די געזעצן פֿון קיסר („ואף דתי המלך ידיו תהרסינה״), און אַזוי ווײַטער אין דעם סטיל.[227] מיט ענלעכע אָנפֿאַלן, הגם ניט אין אַזאַ אָפֿענעם טאָן פֿון מסירה, איז קעגן די ניהיליסטן און בכלל קעגן די „סופֿרים פּראָלעטאַריאַטים״ אַרויסגעטראָטן אויך א. צעדערבוים: זיי זײַנען „בורים גמורים״, גרויסע גראָבע יונגען, בעלי-תּאַוהניקעס, פּליאָטקע-מאַכערס.[228] פֿון דער צווייטער זײַט איז קאָוונער אַרויסגעטראָטן מיט אַ געהיימער מסירה אויף צעדערבוימען, ווי דאָס איז לעצטנס באַקאַנט געוואָרן פֿון די אַרכיוואַקטן: ער האָט געלאָזט וויסן דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר קאָצעבו אין אַדעס, אַז צעדערבוים „איז אַרויס מיט אַ פֿאָרשלאָג ייִדן זאָלן אָפּקויפֿן פּאַלעסטינע און אויסקלײַבן זיך אַ פֿירשט פֿון הויז ראָטשילד, וואָס זאָל דאָרט גרינדן אַ (ייִדישע) רעגירונג״.[229] די דאָזיקע נאַרישע מסירה וועגן אַ „ייִדישער מלוכה״ איז כּלל ניט געווען אַזאַ אומשולדיקע אין יענער צײַט, ווען ס׳האָט זיך גראָד אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן די לעגענדע וועגן אַ „געהיימער ייִדישער רעגירונג״, וואָס באַהערשט די וועלט.

דער דריטער פֿאָרשטייער פֿון פּיסאַרעווס אידעען אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, מ. ל. ליליענבלום, איז געווען גאָר פֿון אַן אַנדער מין, ווי די ערשטע צוויי. ניט נאָר דערמיט, וואָס ער איז ניט דער ערך טיפֿער און ערנסטער פֿון זיי און וואָס אים פֿעלן לחלוטין זייערע פּערזענלעכע אַמביציעס און זייער פּרעטענציעזקייט, נאָר ווײַל ער פֿאַרהאַלט זיך ניט ווי אַ ניהיליסטישער צו-להכעיסניק און אינעווייניקסטער שונא. און עס איז אייגנטלעך ניט ריכטיק, וואָס מען באַטראַכט אים אויך ווי אַ טיפּישן ניהיליסט, ווי דאָס טוען אייניקע פֿאָרשער. אין דער גרויסער רעוויזיע פֿון דער משׂכּילישער אידעאָלאָגיע, וואָס ליליענבלום נעמט דעמאָלט אונטער, האָט ער זיך געשטיצט אויפֿן פּאָזיטיוויסטישן אוטיליטאַריזם און אַ געוויסע צײַט זיך באַנוצט מיט פּיסאַרעווס טעזיסן—וועגן באַפֿרײַען די פּערזענלעכקייט פֿונעם אָנגעוואַקסענעם טראַדיציאָנעלן שימל, וועגן דער דערציִערישער ראָלע פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט און ניכטערן רעאַליזם,—און פֿון די טעזיסן אויס געשלאָגן די בטלנות פֿון די אַלטע משׂכּילים, וואָס לעבן אין עולם התוהו. „עולם התוהו״ — אַזוי הייסט טאַקע זײַן גרויסער קריטיש-פּובליציסטישער אַרטיקל, ווו ער אַנטוויקלט די דאָזיקע געדאַנקען:[230] ניט נאָר די השׂכּלה-ליטעראַטור לעבט אין עולם-התוהו, נײַערט אַלע ייִדן. „אַלע מענטשן לעבן אויף דער ערד, און ייִדן לעבן אויפֿן הימל״ — שרײַבט ער אין זײַנע ייִדישע אַרטיקלען אין „קול מבשׂר״ (1871, „ייִדישע לעבנס-פֿראַגן״). אָבער ליליענבלום רופֿט ניט אַריבערצוגיין צו די שטאַרקע, ווי דאָס האָבן פֿאַקטיש געטאָן קאָוונער און לערנער; אַזוי למשל רופֿט ער זיך אָפּ שאַרף וועגן די ייִדישע אינטעליגענטן פֿון די ראַבינער-שולן, וואָס קענען ניט דאָס ייִדנטום, זײַנען אָפּגעריסן פֿונעם פֿאָלק און ווילן שטיין איבער אים און וואָס „האָבן אויסגעפֿונען אַ ראַדיקאַלע רפֿואה פֿאַר אַלע ייִדישע חולאתן, וועלכע זיי רופֿן מיטן נאָמען אַסימילאַציע, אַ רפֿואה אַ פֿאַלשע און

---

227 וועגן דעם פּאַמפֿלעט פֿ״גל א. פֿ ר י ד ק י ן, א. ב. גאָטלאָבער און זײַן עפּאָכע (ווילנע 1925), ז׳ 294—297.

228 „המליץ״ 1868, נומ׳ 14; אויך אין „קול מבשׂר״ (1870, נומ׳ 19) שרײַבט ער: „מיט דעם ייִדנטום קער ער — דער ניהיליזם — זיך גאָר ניט אָן״.

229 זע דעם ציט׳ אַרט׳ פֿון ס. באָראָוואָי אינעם ז״ב „Евр. Мысль“, ז׳ 241—243, ווו עס איז אָפּגעדרוקט דער פֿולער טעקסט פֿון דער מסירה לויטן אַרכיוו פֿון גענ׳-גובערנאַטאָר אין אַדעס.

230 אין „השחר״, יאָרגאַנג 4 (1873), ז׳ 508, 601, 633 און 691.

אילוזאָרישע".[231] דער ייִד, ווי דער מענטש, קען אויפֿגעריכט ווערן נאָר דורך מלאָכה, דורך פֿיזישער אַרבעט, „און נאָר יענער מענטש וואָס איז צוגעפּאַסט צום לעבן און שטיצט זיך אויף נוצלעכער אַרבעט, קען ברענגען נוצן אויך די אַנדערע". עס איז דעריבער פֿאַלש אַרײַנצונעמען ליליענבלומען אינעם כּלל פֿון די העברעיִשע ניהיליסטן, פּונקט ווי עס איז פֿאַלש אים צוצורעכענען צו דער גרופּע העברעיִשע סאָציאַליסטן, ווי מיר וועלן דאָס ווײַטער זען. ער האָט זיך זײַן דרך. אָנהייב די 70ער יאָרן צערײַסט ער מיט דער רעליגיע: „אַלע מײַנע אָנגעלאָדענע שיפֿן זײַנען אונטערגעגאַנגען" — שרײַבט ער אין זײַן באַקאַנטער סאַטירישער פּאָעמע „קהל רפֿאים"; אָנהייב די 80ער צערײַסט ער אויך מיטן ראַדיקאַליזם און ווערט דער פֿירער פֿון די „חובֿבֿי ציון".

## V

יידן-נאַראָדניקעס און זייער אָרט אין דער באַוועגונג. — די ייִדישע פּרוּװ אין דער רעוואָלוציע (70ער יאָרן).

לעבן די אויבן באַשריבענע עלעמענטן האָט זיך פֿון אָנהייב די 70ער יאָרן באַוויזן די קליינע גרופּע ייִדן-רעוואָלוציאָנערן. לויט זײַן אָפּשטאַם האָט דער ייִדישער רעוואָלוציאָנער אויך געהערט צום נײַעם שיכט אין ייִדישן לעבן; אויך ער איז געווען אַ זון פֿון השׂכּלה און רוסיפֿיקאַציע, אַן אָפּטריניקער פֿונעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן תּחום. אָבער סאָציאַל און באַזונדערס פּאָליטיש איז צווישן אים און די אַנדערע גרופּעס געלעגן אַ טיפֿער תּהום. די ערשטע רעוואָלוציאָנערן צווישן ייִדן זײַנען אין די אויגן פֿון דער רעגירונג געווען ווי אַ מין בייזוווּנדער. אין אַ געהיימען פּאָליציייִשן איבערבליק וועגן דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד פֿאַר די יאָרן 1873—1877, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג",[232] אילוסטרירט מיט אַ סך ציפֿערן, ווערט צום ערשטן מאָל אָנגעוויזן אויפֿן גרויסן אָנטייל פֿון ייִדן אין דער באַוועגונג: צווישן דער אַלגעמיינער צאָל 1054 צוגעצויגענע צום געריכט אין משך פֿון די דרײַ און אַ האַלב יאָר מאַכט אויס די צאָל ייִדן 67, דאָס מיינט 6 און אַ האַלב פּראָצענט. דער מחבר פֿון איבערבליק איז נשתּומם און חזרט עטלעכע מאָל איבער: „אַ באַזונדערן אויפֿמערק פֿאַרדינט די צאָל ייִדן", „די ייִדן זײַנען זייער שעדלעך", „אַ גרויסע צאָל פֿאַלט אויס אויף דער ייִדישער יוגנט, וואָס געפֿינט זיך בכלל אונטער דער שטאַרקער השפּעה פֿון רעוואָלוציאָנערן אומרו";[233] צווישן די גובערניעס פֿאַרנעמט ווילנע דעם צווייטן אָרט: „40 פּערזאָן, דאָס רובֿ ייִדישע בחורים, וואָס האָבן געבילדעט אין ווילנע אַ רעוואָלוציאָנערן קרײַזל".[234] אין אַ שפּעטערדיקן ראַפּאָרט פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" ווערט אָנגעוויזן, אַז אין משך פֿון 1875—1880 זײַנען 103 ייִדן צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט פֿאַר פּאָליטישע פֿאַרברעכנס.[235] אויב ביז דעמאָלט איז אין די רעגירונגס-קרײַזן אין משך פֿון יאָרן דער מאָטיוו פֿאַר ייִדן-באַגרענעצונג געווען ייִדישער „פֿאַנאַטיזם", ייִדישע „אָפּגעזונדערטקייט" און ייִדישע „עקספּלואַטאַציע", ווערט פֿון איצטער אָן אַרויסגערוקט חוץ עקספּלואַטאַציע אַ שפּאָגל נײַער מאָטיוו: דער „ניהיליזם" פֿון דער ייִדישער יוגנט. שוין אין 1878 שרײַבט למשל דער מינסקער גובערנאַטאָר אין זײַן ראַפּאָרט קיין פּעטערבורג, אַז „אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער מערקט זיך דער אָנטייל פֿון

---

231 דאָרטן, ז' 604.

232 דער איבערבליק איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן ערשט אין 1928 אין „Каторга и Ссылка" נ' 38 (דער מחבר פֿון דעם פּאָליציי-איבערבליק איז מערקולאָוו).

233 דאָרטן, ז' 38 א"וו.

234 דאָרטן, ז' 43. ווערט געמיינט זיכער דאָס צווייטע קרײַזל אין ווילנע פֿון 1876.

235 זע די זאַמלונג „Литература партии „Народной Воли" (1905), ז' 356.

גאַנצע קרײַזלעך ייִדישער יוגנט אין געהיימע אַנטי-רעגירונגס-געזעלשאַפֿטן... וואָס נעמען אָן די אידעען פֿון סאָציאַליזם״, און דעריבער דאַרף די בילדונגס-רעכט פֿון ייִדן אויף ווײַטער באַגרענעצט ווערן.[236] דער דאָזיקער אַרגומענט האָט געשפּילט די הויפּט-ראָלע שפּעטער אין דער אַנטיסעמיטישער העצע און אין די באַגרענעצונגען פֿון די 80ער יאָרן. דער אויפֿקום פֿון די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן רופֿט, ווי מיר ווייסן, אַרויס אַ שאַרפֿן ווידערשטאַנד אויך מצד די פֿירנדיקע ייִדישע קרײַזן, דער ייִדישער פּלוטאָקראַטיע, ווי אויך מצד די משׂכּילים און דער אָרטאָדאָקסיע. די סאָציאַלע שער בײַ ייִדן גייט זיך אָלץ מער און מער פֿונאַנדער.

דער ייִד דער רעוואָלוציאָנער האָט צעריסן מיט זײַן סבֿיבֿה פֿיל שאַרפֿער ווי זײַנע רוסישע חבֿרים. דער מהלך פֿון ייִדישן שטעטל ביז צו דער הויכשול אין די גרויסע שטעט און פֿון דער טראַדיציאָנעלער פּסיכאָלאָגיע ביז צו די ראַדיקאַלע אידעען איז געווען ניט דער ערך אַ גרעסערער, ווי בײַ ניט-ייִדן. דער ייִדישער סטודענט איז געווען דער אמתער „ראַזנאָטשינעץ״ — פֿון אַ ניט-פּריווילעגירטן פֿרעמדן שטאַם און קרײַז, וואָס האָט פֿון שטענדיק געלעבט אונטערן דרוק פֿון רדיפֿות און האָט ביז דעמאָלט ניט געשפּילט די מינדסטע ראָלע אין רוסישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע יוגנט האָט אויך, ווי די רוסישע, צעבראָכן איר קאַריערע, וואָס איז איר ניט דער ערך שווערער אָנגעקומען.

די ראָלע פֿון ייִדן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט אויספֿירלעך באַהאַנדלט איינער פֿון אירע פּיאָנירן, לעוו דייטש, אין אַ סעריע אַרטיקלען און אין אַ ספּעציעלן בוך.[237] די דאָזיקע טעמע געהער אויך צו די באַליבטסטע בײַ אַ טייל פֿון אונזער זשורנאַליסטיק. דערבײַ ווערט די פֿראַגע געוויינטלעך באַטראַכט פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויס, אָדער ווי אַ קאַפּיטל „באַרימטע ייִדן״ אינעם לינקן לאַגער. אונדז אָבער אינטערעסירט אַן אַנדער זאַך: דער פּראָצעס, ווי אַזוי זײַנען אין דער ייִדישער סבֿיבֿה צום ערשטן מאָל אַרײַנגעדרונגען די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע אידעען, ווי האָט זיך אָנגעזאַמלט רעוואָלוציאָנערע ענערגיע צווישן ייִדן און וואָסערע אייגנשאַפֿטן האָבן די ייִדישע פּיאָנירן פֿון סאָציאַליזם דערבײַ אַרויסגעוויזן. בכן: ניט אַזוי די ראָלע פֿון ייִדן אין דער רוסישער רעוואָלוציע, ווי די ראָלע, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן שפּילן צווישן די ייִדן אין רוסלאַנד.

אין זײַן דערמאָנטן בוך, וואָס שטייט ווײַט ניט אויף דער הייך און איז פֿול מיט טעותן, וואָס איז מער מעמואַריסטישע פּובליציסטיק ווי אַ היסטאָרישע אויספֿאָרשונג, פֿלײַסט זיך לעוו דײַטש צו דערווײַזן, אַז ייִדן אין דער רוסישער רעוואָלוציע קענען זיך כּלל ניט פֿאַרגלײַכן מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, ניט לויט דער צאָל און ניט לויט זייער ראָלע. אין די ערשטע קרײַזלעך פֿון די „טשאַיקאָווצעס״, שרײַבט ער, האָבן זיך באַטייליקט בסך־הכּל אַ פּאָר ייִדן, אין דער באַוועגונג פֿון „גיין אין פֿאָלק״ — קוים אָנדערהאַלבן-צוויי צענדלינג, אין דער ערשטער פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע אין רוסלאַנד, אויפֿן קאַזאַנער פּלאַץ אין פּעטערבורג, — נאָר דרײַ ייִדן „און דאָס אויך צופֿעליק״; און בכלל, שרײַבט ער, האָבן ייִדן געשפּילט אין דער באַוועגונג פֿון די 70ער און 80ער יאָרן אַ ראָלע פֿון דער צווייטער, אָדער אַפֿילו דריטער מדרגה.[238] עס איז

236 י. געסען, געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק אין רוסלאַנד (רוס׳, לענינגראַד 1927), ב׳ 2, ז׳ 202.

237 לעוו דײַטש, די ייִדן אין דער רוסישער רעוואָלוציע, בערלין 1924; פֿאַראַן חוץ דער ייִדישער אויך צוויי רוסישע אויסגאַבעס פֿון דעם בוך—אַ בערלינער און אַ סאָוועטישע (1923) מיט אַ צוגאָב-קאַפּיטל. מיט יאָרן פֿאַר דעם האָט ל. דײַטש געדרוקט אין ניו-יאָרקער „צוקונפֿט״, אין 1913—1916, אַ סעריע אַרטיקלען אויף דער טעמע, וואָס נאָר אַ טייל פֿון זיי איז אַרײַן אין דעם בוך; דער צוגעזאָגטער צווייטער באַנד פֿון דעם בוך איז עד היום ניט אַרויס. אין רוס׳ הייסט דאָס בוך: Роль евреев в русском рев. движении.

238 דאָרטן, קאַפּ׳ 7.

ניט שווער צו באַווײַזן, אַז דער חשבון איז אַ פֿאַלשער. דער אייגנטלעכער גרינדער פֿונעם ערשטן קרײַזל „טשאַיקאָווצעס״ אין פּעטערבורג — און דאָס באַשטעטיקט ל. דײַטש אַליין — איז געווען מאַרק נאַטאַנסאָן, וואָס האָט בכלל געשפּילט אַן ערשטקלאַסיקע ראָלע אין דער באַוועגונג פֿון די 70ער יאָרן (זע ווײַטער); די אָנפֿירער פֿון די „טשאַיקאָווצעס״ אין מאָסקווע, אַדעס, קיִעוו זײַנען געווען: סעמיאָן קליאַטשקאָ, סאָלאָמאָן טשודנאָווסקי און פּ. אַקסעלראָד. אויפֿן פּראָצעס פֿון די דעמאָנסטראַנטן אויפֿן קאַזאַנער פּלאַץ (יאַנואַר 1877) זײַנען צווישן די 21 פֿאַרמשפּטע געווען 5—6 ייִדן, צווישן זיי אַלעקסאַנדער ביבערגאַל, וואָס האָט באַצאָלט דערפֿאַר מיט 15 יאָר קאַטאָרגע (אַגבֿ, דער ערשטער ייִד דעמאָלט, וואָס איז פּאָליטיש פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע).[239] אַז די צאָל ייִדן אין דער נאַראָדנישער באַוועגונג איז געווען אַ סך מער ווי אָנדערהאַלבן-צוויי צענדלינג, באַשטעטיקן די ציפֿערן, וואָס ווערן געבראַכט אינעם אויבן ציטירטן איבערבליק פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג״. שוין אין 1869, בעת עס ברעכן אויס אין פּעטערבורג די גרויסע סטודענטישע אומרוען, געפֿינען מיר צווישן די אָנפֿירער לאַזאַר גאָלדענבערגן (אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט) און באַזונדערס מאַרק נאַטאַנסאָנען (אין דער מעדיצייניש-כירורגישער אַקאַדעמיע), זיי און נאָך אייניקע ייִדישע סטודענטן ווערן אויסגעשלאָסן און אַרעסטירט. בעת גלײַך נאָך דעם האָט די פּאָליציי פֿאַרפֿירט אַ פּראָצעס קעגן די אָנהענגער פֿון נעטשאַיעוון, האָט זי אויך אַרעסטירט עטלעכע ייִדישע סטודענטן, וואָס זײַנען אָפּגעקומען מיט אַדמיניסטראַטיווער שטראָף.[240]

פּונקט אַזוי ניט ריכטיק זײַנען די ווײַטערדיקע באַהויפּטונגען פֿון ל. דײַטשן וועגן דער צאָל און ראָלע פֿון ייִדן צווישן די לאַווריסטן, באַקוניסטן און שפּעטער אין דער טעראָריסטישער באַוועגונג.[241] צווישן די באַקוניסטן ווײַזט ער אָן נאָר איינעם, וואָס איז ווערט דערמאָנט צו ווערן, — פּ. אַקסעלראָדן, און צווישן די טעראָריסטישע טוערס פֿון סוף די 70ער ביז סוף די 80ער יאָרן ציילט ער אָן בסך-הכּל 10—12 ייִדישע נעמען; אין די אַכט טעראָריסטישע פּראָצעסן, וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען אין די יאָרן 1879—1887, זײַנען לויט זײַן חשבון צווישן די 120 פֿאַרמשפּטע געווען נאָר 10 ייִדן. אין דער אמתן זײַנען די ציפֿערן און פֿאַקטן גאָר אַנדערע. דעם חשובֿסטן אָרט צווישן די לאַווריסטן אין רוסלאַנד האָט פֿאַרנומען דער שטילער פּעטערבורגער סטודענט לעוו גינזבורג, וואָס איז געווען לאַווראָווס פֿאַרשטייער און האָט געהאָלפֿן דעם „וופּעריאָד״; אַן אַקטיווע ראָלע אין אויסלאַנד, אויך אין דער שטיל, האָט געשפּילט די לאַווריסטקע ראָזאַליע אידעלסאָן (=יאַקערשבערג, שטאַמט קאָנטיק פֿון ווילנע), די פֿרוי פֿון סמירנאָוון,

---

239 חוץ ביבערגאַלן אויך: גורעוויטש, העלער, פֿעליציאַ שעפּטעל און נאָוואָקאָווסקי מיט זײַן פֿרוי (זי האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע און איז פֿרײַוויליק מיטגעגאַנגען מיט איר מאַן אין סיביר).

240 די פּעטערבורגער סטודענטן דוד גערצענשטיין און לייזער שאַפּיראָ און דער קיִעווער סטודענט ש. מאַריאַשעס; אויף דעם פּראָצעס גופֿא פֿון די נעטשאַיעווצעס (יולי 1871) האָבן ייִדן ניט פֿיגורירט. דער דערמאָנטער דוד גערצענשטיין איז אַ פּנים געווען דער עלטערער ברודער פֿון גריגאָרי גערצענשטיין, וואָס איז שפּעטער געוואָרן באַקאַנט ווי אַ מחבר פֿון מעדיציניש ווערק און פּראָפֿעסאָר פֿון מעדיציניש-כירורגישער אַקאַדעמיע, און פֿון סאָלאָמאָן גערצענשטיין — אַ באַקאַנטער זאָאָלאָג פֿון דער פּעטערבורגער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע (ביידע געשמדט). לייזער שאַפּיראָ האָט געשטאַמט פֿון שאַוול, אַ תּלמיד פֿון ווילנער ראַבינער-שול, שפּעטער — אַ דאָקטאָר; אין 1872 האָט ער זיך געשמדט. צווישן די אַרעסטירטע בעת די סטודענטישע אומרוען פֿון 1869 ווערן אויך דערמאָנט די סטודענטן: אהרן באָמאַש, לעוו און סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי (שפּעטער באַקאַנטע „נאַראָדאָוואָלצעס״) און ל. טיטעלמאַן (שפּעטער אין פּראָצעס פֿון די 193); זע דעם ז״ב Нечаев и нечаевцы פֿון ב. קאָזמין (מאָסקווע 1931), ז׳ 198, 203, 211.

241 ל. דײַטש, דצ״ו, קאַפּיטל 8.

לאַווראָווס רעכטער האַנט און שפּעטערדיקן רעדאַקטאָר פֿון „וופּעריאָד“.[242] אויף דעם עקסטרעמען פֿליגל, צווישן די באַקוניסטן, האָבן צו די אַקטיוועו טוער געהערט אַנאַ ראָזענשטיין—מאַקאַרעוויטש, די ערשטע בונטאַרקע צווישן יידן (זע ווײַטער), און לעוו דײַטש גופֿא; דער פֿאָרשטייער פֿון די באַקוניסטן אין פּעטערבורג איז געווען דער יונגער סטודענט מאָיסעי ראַבינאָוויטש. צווישן די גרינדער פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ“ זײַנען געווען 4 יידן (פֿון 25), וועלכע זײַנען אַרײַן אין צענטער, אינעם אַ"ג „גרויסן ראַט“ (אָדער „גרונדקרײַזל“): מאַרק נאַטאַנסאָן, אָסיפּ אַפּטעקמאַן, אַלעקסאַנדער כאָטינסקי און אַהרון זונדעלעוויטש; שפּעטער זײַנען צוגעקומען נאָך צוויי: פּ. אַקסעלראָד און ל. דײַטש. יידן האָבן זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אין די טעראָריסטישע אַקטן, נאָך איידער ס'האָט זיך פֿאָרמעל געגרינדעט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. ווי באַקאַנט, האָט דעם שטויס צום געדאַנק וועגן צאַרנמאָרד געגעבן סאָלאָוויאָווס אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אין אַפּריל 1879; דער דאָזיקער אַקט איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַ פּריוואַטער באַראַטונג פֿון 6 טעראָריסטן, צווישן זיי זונדעלעוויטש און גריגאָרי גאָלדענבערג.[243] לערך מיט אַ חודש פֿאַר דעם האָט דער זעלביקער גאָלדענבערג דערשאָסן דעם כאַרקאָווער גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿירשט קראָפּאָטקין. אין פֿעברואַר 1880 האָט מאיר (איפּאָליט) מלאָדעצקי געשאָסן אויפֿן פֿאַקטישן דיקטאַטאָר פֿון רוסלאַנד, גראַף לאָריס-מעליקאָוו. נאָך פֿאַר דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ זײַנען אַריבער צו טעראָר די אַ"ג „דרום-רוסישע בונטאַרן“, צווישן וועלכע ס'זײַנען געווען ניט ווייניק יידן; אַזוי איז אויפֿן פּראָצעס פֿון 28 טעראָריסטן אין אַדעס—ניקאָלאַיעוו („פּראָצעס פֿון טשובאַראָוון“), אין אויגוסט 1879, פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט ס. וויטנבערג און נאָך זעקס יידן-רעוואָלוציאָנערן צו קאַטאָרגע.[244] אין דעם באַרימטן „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט“ פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ בײַ איר גרינדונג, זומער 1879, זײַנען צווישן די 28 מיטגלידער געווען דרײַ יידן (זונדעלעוויטש, סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי און גר. גאָלדענבערג), חוץ די אַזוי גער' „אַגענטן“ פֿון קאָמיטעט, וואָס שפּילן אויך אַן אַקטיוועו ראָלע: אײַזיק אַראָנטשיק, העסיע העלפֿמאַן, וולאַדימיר יאָכעלסאָן, לייזער צוקערמאַן, גריגאָרי פֿרידענסאָן און לעוו זלאַטאָפּאָלסקי.[245]

ל. דײַטש גיט אָן ניט ריכטיקע צאָל יידן-טעראָריסטן ניט פֿאַר יענער צײַט און ניט פֿאַר דער שפּעטערדיקער. ער רעכנט אויס פֿון סוף די 70ער ביז סוף די 80ער בסך-הכּל 10 נעמען און שרײַבט, אַז צווישן דער אַלגעמיינער צאָל 120 פֿאַרמשפּטע אין די אַכט גרעסערע פּראָצעסן פֿון טעראָריסטן אין די יאָרן 1879—1887 זײַנען געווען בלויז 10 יידן; 20 טעראָריסטן זײַנען אומגעקומען אויף דער תּליה און צווישן זיי איז געווען נאָר איין ייד—מלאָדעצקי, און אויך ער, מיינט דײַטש, האָט ניט געהאַט קיין שײַכות צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין דער אמתן איז דער פּראָצענט יידן צווישן

---

242 אין דער ליטעראַטור איז לײדער פֿאַראַן זײער ווײניק ידיעות וועגן די דאָזיקע צוויי וויכטיקע פֿאָרשטײער פֿון די לאַווריסטן, און ל. דײַטש דערמאָנט וועגן זײ בכלל ניט. אַ באַזונדערס אָנגעזעענע פֿיגור, אָבער קאָנטיק אַ שטילע, איז געווען ל ע וו ג י נ ז ב ו ר ג, שפּעטער אַ דאָקטאָר, וואָס איז אַוועק פֿון דער באַוועגונג.

243 זע ווײַטער.

241 א. לוריע, א. זײַדנער, מ. ראַשקאָוו, מ. מאַריינעס און ס. שנעע און אויך ע. מעדוועדעוו (אַ געשמדטער שפּעטער), כמעט אַלע פֿאַרמשפּט אויף קאַטאָרגע. אין דער רעווי' כראָניק ווערט אויך דערמאָנט נ י ק אָ ל אַ י פּ אָ ז ע ן, אַ זון פֿון אַ כאַרקאָווער סוחר, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן אין קיעוו אין 1879 און פֿאַר באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד פֿאַרשיקט געוואָרן אין סיביר אויף קאַטאָרגע, ווו ער איז אָפּגעווען 29 יאָר; ס'איז אָבער ניט באַקאַנט, צי פּאָזען האָט געשטאַמט פֿון יידן אָדער פֿון דײַטשן.

245 לעוו זלאַטאָפּאָלסקי, אַ ברודער פֿון סאַוועלין, האָט אויסגעקלערט דעם געהיימען שיפֿער, מיט וועלכן ס'האָט זיך באַנוצט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“.

די טעראָריסטן גראָד אין די 80ער יאָרן שטאַרק אויסגעוואַקסן און דאָס איז געווען נאַטירלעך נאָך די פּאָגראָמען און רדיפות אויף ייִדן. אין אַן אויספאָרשונג וועגן די נאַראָדאָוואָלישע פּראָצעסן פאַר די יאָרן 1880—1890 ווערן אָנגערעכנט ניט 8, נאָר 17 פּראָצעסן; צווישן 154 פאַרמשפּטע אָנגעזעענע טעראָריסטן זײַנען געווען 22 ייִדן, דערבײַ ווערט אָנגעוויזן, אַז אַ גאַנץ היפּשן טייל פון זיי האָבן געגעבן די ייִדישע גובערניעס מינסקער און ווילנער.[246] ל. דײַטש דערמאָנט נאָר איין אומגעקומענעם ייִדן אין פּעטערבורג (מלאָדעצקין), אָבער ער רעכנט ניט די טויטאורטיילן, וואָס זײַנען אויסגעפירט געוואָרן אין אַנדערע שטעט: נאָר פאַרן יאָר 1879 זײַנען אויף דער תּליה אומגעקומען אַהרן גאָבעס (פּיאָדראָוו), ס. וויטנבערג און לייב מאַידאַנסקי — אין אָדעס און ניקאָלאַיעוו: אין 1880 — דער יונגער ראָזאָווסקי אין קיִעוו;[247] אין 1885 — דער סטודענט שאול ליסיאַנסקי אין כאַרקאָוו.[248] גר. גאָלדענבערג, סאָפיאַ גינסבורג און אײַזיק אַראָנטשיק האָבן זיך גענומען דאָס לעבן אין תּפיסה, אַנדערע זײַנען אַזוי אין אַ פּאָר יאָר אַרום אומגעקומען. פאַרמשפּט צום טויט זײַנען געווען אַ סך מער און נאָר אין לעצטן מאָמענט האָט מען זיי פאַרביטן דעם טויט אורטייל אויף קאַטאָרגע.[249] צו די קרבנות דאַרף מען אויך צורעכענען די ווײַטערדיקע: דעם נאַראָדאָוואָלעץ איסאַק לעווינסקי, וואָס איז נאָכן דורכפאַל פון דער קיִעווער דרוקערײַ אין 1882 פאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע און האָט זיך דאָרט גענומען דאָס לעבן; דעם נאַראָדאָוואָלעץ יאַקאָוו בערדיטשעווסקי, וואָס איז אומגעקומען בעתן ניט געראָטענעם אָנפאַל צוליב פּאַרטייצוועקן אויף דער געלטפּאָסט בײַ כאַרקאָוו אין 1883 (איז דערשאָסן געוואָרן, אָדער האָט זיך דערשאָסן); דעם נאַראָדאָוואָלעץ איסאַק דעמבאָ, וואָס איז אויף טויט

---

[246] זע אַרט׳ פון פּרוי י. ניקיטין אין ז״ב „Народная Воля“ перед царским судом ב׳ 2 (מאָסקווע 1931, פאַרל׳ „פּאָליטקאָטאָרזשאַנעס״), ז׳ 126—159.

[247] דער נאָמען שמואל ראָזאָווסקי איז דעמאָלט געוואָרן אַ שם־דבר אין דער ליטעראַטור: ער איז געווען גאָר אַ יונגער סטודענט, אַ מינעריאָריקער און איז געוואָרן פאַרמשפּט צו תּליה נאָר דערפאַר, וואָס מען האָט געפונען בײַ אים אַן אומלעגאַלע פּראָקלאַמאַציע און ער האָט ניט געוואָלט אויסזאָגן פון וועמען ער האָט זי באַקומען. נאָך זײַן משפּט האָט זיך זײַן קליינער ברודערל אַרויסגעוואָרפן פון פענצטער און איז אומגעקומען און די מוטער איז אַראָפּ פון זינען; זע ל. דײַטשס נאָטיץ אין „צוקונפט״ 1916, ז. 160. דער פאַל ראָזאָווסקי האָט איבערגעלאָזט אַזאַ טיפן רושם, אַז לעוו טאָלסטאָי האָט מיט יאָרן שפּעטער באַשריבן אים אין זײַן ראָמאַן „וואָסקרעסעניע״ (אין דער פולער אויסלענדישער אויסגאַבע): ער שרײַבט וועגן אים ווי וועגן אַ בחורל פון אַ יאָר 17 — „אַ קליינינקער, מאָגערער, מיט גלאַנציקע שוואַרצע אויגן און, ווי אַלע ייִדן, זייער אַ מוזיקאַלישער... עס איז געווען אומנאַטירלעך, אַז מ׳זאָל אַזאַ קינד ווי ראָזאָווסקי אויפהענגען... און מ׳האָט אים אויפגעהאַנגען״ (זע די בערלינער אויסג׳ פון דעם ראָמאַן בײַ לאַדיזשניקאָוו ז׳ 459—461).

[248] וועגן שאול ליסיאַנסקין איז ווייניק וואָס באַקאַנט: ער האָט געוווינט אונטערן נאָמען לעבעדינסקי; אין מאַי 1885 האָט ער אין כאַרקאָוו בעתן אַן „אָביסק״ דערשאָסן אַן עלטערן פּאָליציי־באַאַמטן און פאַרווונדעט אַ זשאַנדאַרם; מ׳האָט אים צערעכטירט און געפונען בײַ אים אַ געהיימע דרוקערײַ, געווער און אויפרײַסשטאָף; דעם 20סטן מאַי 1885 האָט מען אים אויפגעהאַנגען. ליסיאַנסקי האָט געשטאַמט פון ווינניצע און איז געווען אַ סטודענט פון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט; זע Обзор важнейших дознаний о государственных преступлениях (אומאָפיציעלע אויסגאַבע) פאַרן יאָר 1885. מער איז וועגן ליסיאַנסקין, וואָס איז געווען אַזאַ אַקטיווע פיגור אין דער באַוועגונג און איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען, אין דער רעוו׳ ליטעראַטור גאָר ניט באַקאַנט, ממש ניט צו פאַרשטיין פאַר וואָס.

[249] אין דעם ציטירטן אַרט׳ פון פּרוי י. ניקיטין ווערט אָנגעוויזן, אַז צווישן די 154 פאַרמשפּטע אין די פּראָצעסן פון 1880—1890 זײַנען צו טויטשטראָף פאַרמשפּט געוואָרן 74, אויסגעפירט דעם אורטייל האָט מען נאָר איבער 17; 106 האָט מען פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע, פון זיי זײַנען 39 דאָרט אומגעקומען, באַזונדערס די פרויען. פון אַן אַנדער מקור ווייסן מיר, אַז אין דער שליסלבורגער פעסטונג זײַנען אומגעקומען: אַראָנטשיק, סאַוו. זלאַטאָפּאָלסקי, געליס און סאָפיאַ גינסבורג.

פּאַרוואונדעט געוואָרן בײַ ציריך, אין דער שווייץ, בעתן אויספּרוּוון אײַפּרײַסשטאָף, וואָס ער און זײַנע חבֿרים האָבן געגרייט פֿאַר די אַטנטאַטן אין רוסלאַנד (1889), און געווים דאַרפֿן אַרײַנגענומען ווערן אין דעם צעטל די קרבנות פֿון דער באַרימטער יאַקוטסקער הריגה (מערץ 1889), בעת בײַם באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד זײַנען פֿון די סאָלדאַטן דערשאָסן געוואָרן די פּאָליטיש פֿאַרשיקטע יעקבֿ נאָטקין, ג. שור, סאָפֿיאַ גורעוויטש און ס. פּיק; מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט דאָס מיליטער־געריכט פֿאַרמשפּט צו טויט פֿאַרן יאַקוטסקער ווידערשטאַנד אויך די סטודענטן ל. כּהן־בערנשטיין און א. גאָסמאַן. ל. דײַטש באַהויפּט, אַז פֿון די 60ער ביז די 90ער יאָרן זײַנען אויף דער קאַרײַער קאָטאָרגע, דער וויכטיקסטער סיבירער תּפֿיסה פֿאַר די ערנסטערע פֿאַרברעכער, איבער־געווען 217 פּאָליטישע און פֿון זיי זײַנען געווען נאָר 23 ייִדן.[250] אָבער אַפֿילו לויטן דאָזיקן חשבון האָבן ייִדן געבילדעט 11 פּראָצענט פֿון די קאַרײַער פּאָליטישע, בעת דער פּראָצענט ייִדן אין רוסלאַנד איז געווען לערך 3 מאָל ווייניקער. פֿאַר די יאָרן 1884—1890 זײַנען אין רוסלאַנד געווען 4307 פּאָליטיש אַרעסטירטע, צווישן זיי 579 ייִדן.[251]

אָבער וויכטיק זײַנען סוף כּל סוף ניט די דאָזיקע ציפֿערן, גרעסערע אָדער קלענערע. מיט ציפֿערן און פּראָצענטער אַליין קען מען ניט אָפּוועגן קיין באַוועגונג און אויסמעסטן אַ פּראָצעס. וויכטיק איז דער אָנוווּקס פֿון רעוואָלוציאָנערע שטימונגען צווישן ייִדן, וואָס זײַנען ביז דעמאָלט אין משך פֿון יאָרן און יאָרן געשטאַנען אין גאַנצן מן הצד פֿון יעטווידער פּאָליטישער באַוועגונג. די רעוואָלוציע דרינגט אַרײַן אין ייִדישן תּחום, מאַכט אָן אַן איבערקערעניש אין די מוחות, רײַסט אַרונטער דעם אַלטן שטייגער לעבן און ברענגט אַרײַן די יוגנט אינעם אַלגעמיינעם לאַגער פֿון די אומצופֿרידענע און קעמפֿנדיקע, פֿירט דורך אַ טיפֿן, אָפּט בלוטיקן שניט אינעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן לעבן. עס באַווײַזט זיך די עמאַנסיפּירטע ייִדישע פֿרוי און די פֿרוי די רעוואָלוציאָנערין. די רעוואָלוציע האָט בײַ די ייִדישע טעכטער פֿון בעל־הבתּישע פֿאַמיליעס אויפֿגעוועקט אַ לײַדנשאַפֿטלעכע שטרעבונג צו בילדונג און זעלבשטענדיקייט און האָט אַ סך שאַרפֿער אַרונטערגעריסן די יסודות פֿונעם ייִדישן טראַדיציאָנעלן לעבן, ווי בײַ דער אויסבילדונג פֿון דער מאַנצבילשער אינטעליגענץ. די ייִדישע פֿרויען־יוגנט גייט נאָך פֿוסטריט די ערשטע עמאַנסיפּירטע רוסישע פֿרויען, וואָס האָבן אָנגעהויבן באַקומען זייער אַקאַדעמישע בילדונג אין אויסלאַנד, דער עיקר אין דער שווייץ (1869).[252] פֿאַר די פּיאָניערינס פֿון העכער בילדונג צווישן די רוסיש־ייִדישע פֿרויען ווערן געהאַלטן אַנאַ גערצענשטיין און בערלינערבלוי, ביידע פֿון בעל־הבתּיש־אַסימילירטע פֿאַמיליעס אין כערסאָן, וואָס זײַנען אין 1869—1870 אַוועקגעפֿאָרן שטודירן מעדיצין קיין ציריך.[253] גלײַך נאָך זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַ סך אַנדערע, און אין די 70ער יאָרן טרעפֿן מיר שוין אַ גאַנץ היפּשע צאָל ייִדישע סטודענטינס פֿון רוסלאַנד אין דער שווייץ און פֿרײַע צוהערערינס אין בערלין.[254] אין יאָר 1872 עפֿנט זיך אויך אין רוסלאַנד אַ מעגלעכקייט פֿון העכערער

---

250 15 מענער און 8 פֿרויען; זע ל. ל. דײַטש, דצ״ו, ז׳ 68.

251 אין יאָר 1898 זײַנען אַרעסטירט געוואָרן 1140 פּאָליטישע, פֿון זיי 213 ייִדן; אין 1899—1414 פּאָליטישע, צווישן זיי 351 ייִדן.

252 אין 1869 האָבן די ערשטע צוויי רוסישע פֿרויען, נ. סוסלאָוואַ און מ. באָקאָוואַ, געענדיקט דעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט אין ציריך.

253 זע די זכרונות פֿון ס. טשודנאָווסקי Из давних лет (מאָסקווע 1934), ז׳ 34.

254 אינעם אַרט׳ פֿון מ. סאַזשין וועגן די רוסישע סטודענטן אין ציריך, געדר׳ אין „Каторга и Ссылка“ 1932, נר׳ 10, ווערן דערמאָנט די ייִדיש־רוסישע סטודענטינס אין 1871—1872 אין ציריכער אוניווערסיטעט: גערצענשטיין, בערלינערבלוי, ראָזאַ סימאַנאָוויטש, דאָראַ קליינמאַן. אין מיטן די 70ער יאָרן זײַנען אין דער סטודענטן־קאָלאָניע פֿון די ייִדיש־רוסישע „ניהיליסטן“ אין בערלין געווען 4 פֿרויען: צוויי שוועסטער קאַמינער, מאַליע ראַטנער און כאַסיע שור.

בילדונג פֿאַר פֿרויען: בײַ דער מעדיצינישׂ-כירורגישער אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג ווערן געגרינדעט ספּעציעלע קורסן פֿאַר „געלערנטע אַקושערקעס".[255] צווישן די ערשטע 89 אָנגענומענע צוהערערינס געפֿינען זיך 4 ייִדישע פֿרויען (צווישן זיי אַנאַ עפּשטיין פֿון ווילנע); אין משך פֿון 1872—1879 דערגרייט שוין די צאָל ייִדישע פֿרויען ביז 169 (פֿון דער אַלגעמיינער צאָל 796).[256]

די ערשטע ייִדישע רעוואָלוציאָנערינס קומען פֿון די דאָזיקע קאַדערס, אָבער זייער צאָל איז נאָך דעמאָלט אַ קליינע; דאָס רובֿ עמאַנסיפּירטע פֿרויען האָבן, ווי די מאָדע איז געווען, אָנגענומען אַ ראַדיקאַל-ניהיליסטישע באַפֿאַרבונג, אָבער געזוכט פֿרײַער פֿאַר אַלץ צו באַוואָפֿענען זיך מיט אַ דיפּלאָם פֿאַר אַ זעלבשטענדיק לעבן, און נאָר אַ קליינע גרופּע איז אַרײַן אין דער באַוועגונג. צו די ערשטע ייִדישע פֿרויען אין דער רוסישער רעוואָלוציע געהערן: בעטי קאַמינסקי, אַנאַ עפּשטיין, אַנאַ ראָזענשטיין, פֿעליציע שעפֿטעל, העסיע העלפֿמאַן, ראַזאַליע יאַקערשבערג-אידעלסאָן און סאָפֿיאַ נאָוואַקאָווסקי (געב' גוראָוויטש); פֿון די ערשטע זײַנען אויך געווען: די פֿיר שוועסטער קאַמינער, די טעכטער פֿונעם באַקאַנטן העברעיִשן פּאָעט ד"ר קאַמינער, כאַסיע שור, יעליזאַבעטע כאָטינסקי, דאָראַ פֿאַמיליאַנט, פֿאַני ליטשקוס, די שוועסטער ראַטנער, איידל פּומפּיאַנסקי א"אַ, אָבער זיי האָבן ווײַט ניט געשפּילט אַזאַ אַקטיווע ראָלע, ווי די אויבן דערמאָנטע. די ייִדישע פֿרוי וואַרפֿט זיך אַרײַן אין דער באַוועגונג מיט אַ באַזונדער מסירת-נפֿש און מאַכט דורך אַלע אירע עטאַפּן און גילגולים—פֿון קולטור-טרעגערײַ צווישן דער רוסישער מאַסע, פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף צווישן די פּויערים און שווערער פֿיזישער אַרבעט אין די פֿאַבריקן, ביז צום בונטאַרישן אַנאַרכיזם און טעראָריזם. ווען דער יונגער באַגאַבטער אַנאַ ראָזענשטיין ווערט דערציילט, אַז האַלטנדיק אין מיטן איר גלענצנדיקן שטודיום אין ציריך און אַריבערגייענדיק אין די רעוואָלוציאָנערע רייען, האָט זי צעריסן איר דיפּלאָם און איז אויף איר גאַנץ לעבן געוואָרן אַ פּראָפֿעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערין: דער דאָזיקער זשעסט סימבאָליזירט צום בעסטן די שטימונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פֿרוי אין יענער צײַט. פֿון אָנהייב די 80ער יאָרן באַווײַזט זיך אַ גאַנצע שורה ייִדישע טעראָריסטינס, וואָס אייניקע פֿון זיי שפּילן אַ באַדײַטיקע ראָלע: כריסטינאַ (כאַסיע) גרינבערג, ראַיִסע גראָסמאַן, פֿאַניע מאָריינים, פּראַסקאָוויאַ באָגאָראַז און באַזונדערס העניריעטע דאָברוסקין, און פֿאַרענדיקט די דאָזיקע שורה העלדישע קעמפֿערינס האָט סאָפֿיאַ גינסבורג און די פֿרויען פֿון דער יאַקוטסקער הריגה.

דער מאָמענט פֿון פּערזענלעכער טראַגעדיע טרעט אַרויס בײַ די ייִדישע רעוואָלוציאָנערינס בולטער ווי בײַ די מאַנצבילן; מיט זייער סבֿיבֿה האָבן זיי איבערגעריסן נאָך שאַרפֿער ווי יענע. זיי זײַנען געוואָרן די אמתע אָפּטריניקעס פֿון זייערע משפּחות און פֿונעם ייִדישן תּחום. די ייִדישע פֿרוי, פּונקט ווי די רוסישע, האָט טײַער באַצאָלט פֿאַר איר אָנטייל אין דער רעוואָלוציע: אייניקע האָבן זיך גענומען דאָס לעבן פֿון יאוש און פּײַן (בעטי קאַמינסקי, סאָפֿיאַ גינסבורג), אייניקע זײַנען געוואָרן פֿאַרמשפּט צום טויט (העסיע העלפֿמאַן און העניריעטע דאָברוסקין) אָדער דערהרגעט געוואָרן (סאָפֿיאַ גורעוויטש בעת דער יאַקוטסקער הריגה אין 1889), די איבעריקע זײַנען פֿאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע אָדער אין וויסטע געגנטן, וווּ אַ טייל פֿון זיי זײַנען אומגעקומען. די רעוואָלוציע האָט געמאַכט אַן אינעווייניקסטע איבערקערעניש אין האַרצן פֿון דער ראַדיקאַלער ייִדישער פֿרוי אַ סך האַסטיקער און אפֿשר אויך טיפֿער, ווי בײַ די מאַנצבילן.

---

[255] ביז דעמאָלט איז אין דער מעדיצינישׂ-כירורגישער אַקאַדעמיע געווען נאָר איין צוהערערין, וואָס האָט באַקומען דערצו אַ ספּעציעלע דערלויבעניש — וו. קאַשעוואַראָוואַ, וואָס האָט אַגבֿ געשטאַמט פֿון ייִדן.

[256] זע אויס[illegible]ירלעכער אונדזער געשיכטע פֿון דער חבֿרה מפֿיצי השׂכּלה, ז' 151, ווו ס'איז אויך אָנגעוויזן די ליטעראַטור. די ערשטע ייִדישע פֿרויען, וואָס האָבן אין רוסלאַנד געענדיקט מעדיצין, אין 1877, זײַנען געווען מ. דעמאַנט פֿון כערסאָן און ס. קריטשעווסקי פֿון קאָוונע.

עס איז זייער נאַיִוו, ווען מען גייט צו צו דער פּראָבלעם ייִדן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג מיטן מעטאָד פון פאַרגלײַכן די ראָלע און „פאַרדינסטן“ פון ייִדן און ניט־ייִדן אין דער רוסישער רעוואָלוציע, ווי מ׳טוט עס אָפט בײַ אונדז. עס איז גלײַך פאַלש, הן ווען מען וויַיזט אָן מיט שטאָלץ און מ׳איז מגזם די ראָלע פון ייִדן, און הן ווען מען מאַכט זי צו נישט. געוויס האָט זיך די רוסישע רעוואָלוציע גוט געקענט אַנטוויקלען אויך אָן דעם אָנטייל פון ייִדן. אין אירע הויפּטעטאַפּן – אינעם אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן, אין די סטיכישע פויערשע בונטן, אין דער ראַדיקאַלער זשורנאַליסטיק און אין דער אויספורעמונג פון די רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס, מיט אַזעלכע ריזן, ווי טשערנישעווסקי, גערצען, באַקונין און לאַווראָוו, האָבן זיך ייִדן ניט באַטייליקט און האָבן זיך אויך ניט געקענט באַטייליקן. מחמת דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון דער נאַראָדנישער אידעאָלאָגיע אין די 70ער יאָרן איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס ייִדן האָבן געפעלט צווישן די גרויסע טעאָרעטיקער און פּראָפּאַגאַנדיסטן, אויף וואָס עס ווײַזט אָן מיט אַ געוויסער רוגזה לעוו דײַטש אין זײַן בוך. און עס איז געוויס ניט קיין צופעליקע דערשײַנונג, וואָס ייִדן האָבן אין דער נאַראָדנישער תּקופה פון דער באַוועגונג ווײַט ניט געשפּילט אַזאַ ראָלע, ווי זיי האָבן געשפּילט אין די 90ער יאָרן און שפּעטער אין דער שטאָטישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין דער מאַרקסיסטישער פּראַקטיק.

דער „פויערשער סאָציאַליזם“ איז געווען אַ ריין רוסישע אידעאָלאָגיע. דעם ייִדישן אינטעליגענט, בײַ זײַן גאַנצער פעיִקייט אַרײַנצולעבן זיך אין די הערשנדיקע ראַדיקאַלע טעאָריעס, איז אינעווייניק געבליבן פרעמד די נשמה פון אָט דער נאַראָדנישער אידעאָלאָגיע, אירע סלאַוואָפילישע וואָרצלען, איר רעליגיע און די קוואַלן פון פויערשער בונטאַרישקייט. ייִדן האָבן אויך ניט געהאַט דעם מין „דוואָריאַנעס—בעלי־תּשובֿה“ און האָבן ניט געקענט האָבן דעם געפיל פון „חובֿ צום פאָלק“. די רוסישע „אָבשטשינע“ איז פאַר זיי געווען אַ ריין טעאָרעטישער באַגריף. פרעמד איז זיי אויך געווען דער גאַנצער סטיל און די טראַדיציעס פון פוגאַטשאָוון און סטענקאַ ראַזין, אָדער פון דער „הײַדאַמאַטשינע“, ווי „ריין רעוואָלוציאָנערע“ פאָלקס־באַוועגונגען. דער ייִדישער ראַדיקאַל האָט אין דעם געגלייבט באמונה שלמה, אָבער געשעפּט די אמונה האָט ער ניט פון אַן אינעווייניקסטן לעבעדיקן אורקוואַל, נײַערט פון ביכער און פון צווייטע הענט. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז די גאַנצע רוסיפיקאַציע פונעם ייִדישן אינטעליגענט איז קוים אַלט געווען אַ וואָכעדיקע 10—15 יאָר. ער האָט זיך ערשט אויסגעלערנט אין דער אַלגעמיינער שול רעדן רוסיש און האָט נאָך שוואַך געשריבן. די רוסיש־ייִדישע זשורנאַליסטיק האָט ערשט אין דער פּערזאָן פון איליאַ אָרשאַנסקי געפונען איר אמתן סטיליסט; אַפילו אַזעלכע באַקאַנטע רוסיש־ייִדישע בעלעטריסטן ווי לעוואַנדע און באָגראָוו, וואָס האָבן אײַנגעלייגט וועלטן פאַר רוסיפיקאַציע, האָבן נאָך געמעגט גיין אין חדר בײַ רוסישע שרײַבערס. ערשט פון סוף די 70ער יאָרן און שפּעטער באַווײַזן זיך אַ ריי יונגע וואָס קענען זיך פאַרגלײַכן מיטן גוטן רוסישן שרײַבער און דיכטער.[257] אַ ייִד אַ נאַראָדניק איז פּשוט ניט מסוגל געווען צו ווערן אַ מחבר פון אַזעלכע אמת פאָלקסטימלעכע רוסישע רעוואָלוציאָנערע בראָשורן, ווי עס האָבן פאַרפאַסט קראַווטשינסקי, טיכאָמיראָוו, וואַרזאַר, אָדער ווי פּאָדאָלינסקי אין אוקראַיִניש,[258] און נאָך ווייניקער פון אַזעלכע בעלעטריסטיש־

[257] צווישן זיי דער דיכטער נ. מינסקי (ווילענקין), ליטעראַטור־קריטיקער אַ. וואָלינסקי (פלעקסער), ס. ווענגעראָוו—שפּעטער באַקאַנטער פּראָפעסאָר און היסטאָריקער פון דער רוסישער ליטעראַטור (אַלע דרײַ געשמדטע), ש. פרוג א״אַ.

[258] קראַווטשינסקי איז געווען דער מחבר פון אַזעלכע פּאָפּולערע רעוואָלוציאָנערע פאָלקסבראָשורן, ווי: Сказка о Мудрице Наумовне, Сказка Говоруха, Сказка о копейке, Слово на Великий пяток, Похождения пошехонцев; ל. טיכאָמיראָוו — דער מחבר פון Сказка о четырех братьях; וואַרזאַר—פון דער זייער פּאָפּולערער בראָשור Хитрая механика; פּאָדאָלינסקי—פון דער אוקר׳ פּאָפּולערער בראָשור Парова машина.

נאַראָדנישע ווערק און ראַדיקאַלער קלאַסישער סאַטירע, ווי בײַ גלעב אוספּענסקי און שטשעדרין, אויף וועלכע ס'האָט זיך אויסגעהאָדעוועט דער רוסישער ראַדיקאַלער געדאַנק. אויך די לעגאַלע נאַראָדנישע ליטעראַטור האָבן אויסגעטראָגן אויף זייערע פּלייצעס נ. מיכאַילאָווסקי, וו. וואָראָנצאָוו („וו. וו."), יוזאָוו-קאַבליץ, טשערווינסקי און דער רוסיפיצירטער דײַטש דאַניעלסאָן („ניקאָלאַי—אָן"),[259] אָבער קיין איינער ניט פון די ייִדן. ייִדן אין יענער צײַט האָבן אויך ניט געקענט פאַרמאָגן אַזעלכע מײַסטערס פון רעוואָלוציאָנערער פּובליציסטיק, ווי גערצען, באַקונין, נעטשאַיעוו, טקאַטשאָוו, סטעפּניאַק, טיכאָמיראָוו און דער יונגער פּלעכאַנאָוו. כמעט דער איינציקער ייִד אין דער נאַראָדנישער ליטעראַטור איז געווען פּאַוועל אַקסעלראָד, אָבער אויך ער האָט זײַן אמתע שפּראַך געפונען ערשט שפּעטער אינעם מאַרקסיזם.

אָ. אַפּטעקמאַן, איינער פון די אויפריכטיקסטע און פלאַמענדיקסטע נאַראָדניקעס, אינעווייניק דער אַסימילירטסטער, גיט אונדז דעם שליסל צו דער פּסיכאָלאָגיע פונעם ייִדישן נאַראָדניק. אין זײַנע שפּעטערדיקע זכרונות באַשרײַבט ער די טיפע ספקות, וואָס זײַנען בײַ אים אויפגעקומען, בעת ער, דער ייִד, איז אַוועק אַרבעטן צווישן די רוסישע פּויערים: „תשובה-געפילן—פון זיי איז בײַ מיר אַפילו קיין סימן ניט געווען. און פון וואַנען זאָלן זיי זיך בײַ מיר נעמען? שוין גיכער וואָלט איך, איינער פון אַן אונטערגעדריקטן פאָלק, באַדאַרפט צושטעלן אַ וועקסל צום צאָלן, איידער אַליין באַצאָלן עפּעס אַ פאַנטאַסטישן חוב!"... „דאָס רוסישע פאָלק — שרײַבט ער ווײַטער — האָב איך ניט געקענט, ווײַל איך בין געבוירן געוואָרן אין שטאָט, דאָס דאָרף האָב איך כמעט קיין מאָל אין די אויגן ניט געזען. און חוץ דעם בין איך דעם דאָזיקן פאָלק געווען פרעמד לויטן בלוט. די רוסישע געשיכטע האָב איך שלעכט געקענט און כ'מוז מודה זײַן, אַז איך האָב זי ניט ליב געהאַט."[260] „איך בין אַ ייִד — האָט ער זיך געטראַכט, — ווי וועט דאָס [רוסישע] פאָלק אויפנעמען מײַן פּראָפּאַגאַנדע, צי וועט עס מיר פאַרגלייבן?"—אַפּטעקמאַן האָט געפונען אַ גראָדליניקן אויסוועג פון דער דאָזיקער אינעווייניקסטער קאָליזיע: „איך בין דעמאָלט געווען אין אַ שטימונג פון עקזאַלטאַציע, דערצו פון אַ רעליגיעזער עקזאַלטאַציע; דאָס איז געווען אַ קאָמפּליצירטער און אַ היפּש ביסל פאַרפּלאָנטערטער גײַסטיקער צושטאַנד, ווען דער רעאַל-סאָציאַליסטישער וועלטבאַנעם האָט זיך אין מיר אײַנגעגלעבט מיט אַן עוואַנגעליש-קריסטלעכן... און איך האָב באַשלאָסן, איידער איך גיי אין דאָרף אַרײַן, אָנצונעמען דעם פּראַוואָסלאַווענעם גלויבן. קיינער פון מײַנע נאָענטע פרײַנד און חברים האָט וועגן דעם ניט געוווּסט, הגם זיי זײַנען געווען שטאַרק פאַרחידושט, בעת איין מאָל האָבן זיי מיך געפונען פאַרטיפט אינעם געבעטבוך און אינעם קאַטעכיזיס. איך בין אַריבער צום קריסטנטום, און איך זאָג אײַך: איך האָב זיך דערפילט ווי אַ נײַ געבוירענער. איך גיי צום פאָלק, האָב איך זיך געטראַכט, שוין ניט ווי אַ ייִד, נאָר ווי אַ קריסט, איך האָב זיך באַהאָפטן מיטן פאָלק"...[261] אַזוי ראַדיקאַל האָט פאַרענטפערט פאַר זיך די אינעווייניקסטע סתירה צווישן ייִד און רוסישן נאַראָדניק איינער פון די אָנגעזעענע ייִדן-רעוואָלוציאָנערן, אַ זון פון משכילישע עלטערן, אַ טיף רעליגיעזע נאַטור, וואָס די רעוואָלוציע און אַסימילאַציע האָבן אָפּגענומען בײַ דער ייִדישער פרום פאַנאַטישער וועלט. לויט דײַטש באַשרײַבט אַפּטעקמאַנען, דעם רעוואָלוציאָנערן קנאי, וואָס האָט זיך שטענדיק אַרומ-

---

259 זע ווײַטער, קאַפּ' VII.

260 אָ. אַפּטעקמאַן, "Общество „Земля и Воля", צווייטע אויפלאַגע (פּעטראָגראַד 1924), ז' 91 און 141.

261 דאָרטן, ז' 142, 167 און 168; פאַרגל אויך זײַן אויטאָביאָגראַפישן בריוו בײַ ל. דײַטשן, די ייִדן אין דער רוסישער רעוואָלוציע, ייִד' אויסגאַבע ז' 278—282.

געטראָגן מיט דער עוואַנגעליע, ווי „אַ קערפּערלעך שוואַך קליין יידל, אַ געבוירענעם פּרעדיקער".[262]

רעליגיעז־קריסטלעכע שטימונגען זײַנען ניט פֿרעמד געווען אויך די אַנדערע יידן־נאַראָדניקעס און אַפֿילו די טעראָריסטן. עוואַנגעליש־סאָציאַליסטישע געפֿילן זײַנען בכלל דעמאָלט געווען גאַנץ שטאַרק צווישן די רוסישע נאַראָדניקעס, וועלכע האָבן געזוכט אַ גײַסטיקע התקרבֿות צום רוסישן פֿויער און באַזונדערס צום רוסישן רעליגיעזן סעקטאַנט, זעענדיק אין אים אַ רעוואָלוציאָנערן פֿאַקטאָר. די יידן האָבן די דאָזיקע געפֿילן און די אמונה אינעם סעקטאַנט געטרײַ איבערגענומען. מאַרק נאַטאַנסאָן, אַפּטעקמאַן, ל. דײַטש, פֿאָרטוגאַלאָוו און אַ סך אַנדערע האָבן געזוכט אַ וועג צו די רוסישע סעקטאַנטן, צו די „ראַסקאָלניקעס". אָבער די יידן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך געשמדט, האָבן פֿון דעסט וועגן ניט געהאַט קיין אידעיִש־קריסטלעכע מאָטיוון ווי אַפּטעקמאַן. בדרך כּלל טוט מען דאָס גאָר צוליב אַנדערע טעמים: כּדי צו קענען חתונה האָבן מיט קריסטינס, אָדער צוליב באַקוועמקייט פֿאַר דער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערים און דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג בכלל, צוליב רעוואָלוציאָנערער „פּראַוואָזשיטעלסטווע". מען רײַסט לײַכט איבער דעם דינינקן פֿאָדעם, וואָס פֿאַרבינדט פֿאָרמעל מיטן יידנטום, פֿון וועלכן מ׳איז סײַ ווי אָפּגעריסן, צוליב אַ בעסערער באַהעפֿטונג מיטן רוסישן פֿאָלק, וואָס מיט דעם זײַנען פֿאַרבונדן אַלע אידעאַלן, אָן אַ שום אינעווייניקסטער טראַגעדיע, וועלכע מיר טרעפֿן יאָ בײַ אייניקע ערשט שפּעטער, אין די 80ער יאָרן, נאָך די פּאָגראָמען. פֿון דעסט וועגן קען מען ניט זאָגן, אַז די צאָל געשמדטע איז צווישן יידן־רעוואָלוציאָנערן געווען גרעסער, ווי בײַ דער דיפּלאָמירטער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט געמאַכט קאַריערע. חוץ ניקאָלאַי אוטינען, וואָס געהער צו דער פֿריִערדיקער צײַט, זײַנען פֿון די אָנגעזעענע יידן־רעוואָלוציאָנערן אין די 70ער יאָרן געווען געשמדט: אָ. אַפּטעקמאַן, מאַרק נאַטאַנסאָן, סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי, מלאָדעצקי און ס. טשודנאָווסקי,[263] בעת אין די 80ער יאָרן מערקן מיר גראָד אַ פֿאַרגרעסערונג פֿון די צאָל משומדים צווישן די יידן־רעוואָלוציאָנערן. פֿון די קלענערע און עפּיזאָדישע פּערסאָנאַזשן אין דער רעוואָלוציע רעדן מיר דאָ ניט. עס איז שווער צו פֿאַרשטיין, וואָס אַ שטייגער האָט געטריבן אין דער פּראַוואָסלאַוונער קירך דעם יידישן אַרבעטער, דער פֿאַרבער עמנואל מעדוועדעוו פֿון ניקאָלאַיעוו, וועלכער איז איבערגעטויפֿט געוואָרן אין איוואַן איוואַנאָוויטש, אָדער בצלאל זאַקן פֿון שאַוול, וואָס איז איבערגעטויפֿט געוואָרן אין וואַסילי איוואַנאָוויטש?[264] פֿון רענעגאַטן־משומדים איז באַקאַנט נאָר איינער: דער געוועזענער נאַראָדניק איסאַק פּאַוולאָווסקי, וואָס האָט זיך אין די 80ער יאָרן געשמדט און געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון דער אַנטיסעמיטישער „נאָוואָיע וורעמיאַ", אונטערן נאָמען יאַקאָוולעוו.[265]

ניט דער ערך גרעסער איז אָבער די צאָל געשמדטע צווישן די ראַדיקאַלע יידישע פֿרויען. דער שמד נעמט דאָ אָן אַן עפּידעמישן כאַראַקטער, און די הויפּט־סיבה זײַנען די געמישטע חתונות. כּמעט אַלע באַקאַנטע יידישע רעוואָלוציאָנערינס האָבן חתונה געהאַט מיט ניט־יידן, אָדער געהאַט ניט־יידישע מאַנען, אָן שמד. דאָס וואַרפֿט זיך ממש אין די

262 ל. דײַטש, דצ״וו, ז׳ 283 א״וו.

263 אין די ביאָגראַפֿיעס פֿון ס. טשודנאָווסקין ווערט דאָס דירעקט ניט אָנגעוויזן, אָבער דערפֿאַר איז פֿאַראַן דערמאָנט, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ ניט־יידישער פֿרוי אין סיביר און אויך, אַז ער האָט נאָך דער פֿאַרשיקונג באַקומען ווינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד... פֿ״גל ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן, ב׳ 2 (70ער יאָרן), ז׳ 1975. פֿון די ווײניקער באַקאַנטע טוער זײַנען געווען געשמדט די דערמאָנטע ל. שאַפּיראָ און ע. מעדוועדעוו און נאָך עטלעכע צופֿעליקע פּערסאָנאַזשן אין דער באַוועגונג.

264 ביאָ־ביבליאָגראַפֿישער לעקסיקאָן, ב׳ 2, ז׳ 905 (מעדוועדעוו) און ז׳ 437 (זאַק).

265 וועגן פּאַוולאָווסקי־יאַקאָוולעוו זע, חוץ דעם ביאָ־ביבל׳ לעקסיקאָן (ב׳ 2, ז׳ 1131), אויך ל. דײַטש, דצ״וו, ז׳ 130—134; אין „נאָוואָיע וורעמיאַ" האָט ער געאַרבעט ביז דער רעוואָלוציע פֿון יאָר 1917.

אויגן: אָנאָ עפּשטיין איז געוואָרן די פֿרוי פֿון באַקאַנטן נאַראָדניק קלעמענץ, העסיע העלפֿמאַן — די פֿרוי פֿונעם „נאַראָדאָוואָלעץ" קאָלאָטקעוויטש, אַנאַ ראָזענשטיין — פֿון מאַקאַרעוויטשן און שפּעטער אין אויסלאַנד פֿונעם איטאַליענישן אַנאַרכיסט קאָסטאַ און דערנאָך פֿונעם סאָציאַליסטישן פֿירער טוראַטי, די שיינע פֿעליציאַ שעפֿטעל איז געוואָרן די פֿרוי פֿונעם פּראָסטאַק בוליגין-בעליאַיעווסקי, — אַן עפּיזאָדישע פֿיגור אין דער רעוואָלוציע, ראָזע יאַקערשבערג-אידעלסאָן — די פֿרוי פֿון סמירנאָוון, פֿאַני ליטשקוס — די פֿרוי פֿון קראַווטשינסקי-סטעפּניאַק, איר שוועסטער פּראַסקאָוויאַ — פֿונעם „נאַראָדאָ-וואָלעץ" קאַראַולאָוו, יעליזאַוועטאַ כאָטינסקי, — פֿונעם „זעמלעוואָלעץ" מאָשטשענקאָ, אַוווגוסטאַ קאַמינער — פֿונעם „זעמלעוואָלעץ" טישטשענקאָ, ל. דײַטשס שוועסטער מאַריאַ — פֿון פּעסענקאָ, וואָס איז אין 70ער יאָרן געווען פֿון די ערשטע מאַרקסיסטן אין רוסלאַנד, ראַיִסאַ גראָסמאַן — פֿונעם „נאַראָדאָוואָלעץ" פּריבילעװ, פּראַסקאָוויאַ באָגאָראַז[266] — פֿונעם „נאַראָדאָוואָלעץ" שעבאַלין, די באַקאַנטע טעראָריסטין העניריעטע דאָברוסקין — פֿון מיכאַילאָוון; כאַסיע שור (פֿון דער בערלינער גרופּע, האָט געהאָלפֿן מיט געלט ליבערמאַנען אין זײַן „האמת") האָט זיך אין סיביר געשמדט און חתונה געהאַט מיטן רעוואָלוציאָנער ד״ר דאָלגאָפּאָלאָוו; די באַרימטע טעראָריסטין סאָפֿיאַ גינסבורג האָט זיך געשמדט כּדי צו קענען חתונה האָבן מיטן רעוואָלוציאָנער סידאָראָוו; ראָזאַ פֿראַנק איז געווען די פֿרוי פֿונעם באַקאַנטן רוסישן פּאָעט און „נאַראָ-דאָוואָלעץ" פּ. יאַקובאָוויטש (מעלשין); דאָראַ פֿאַמיליאַנט איז געוואָרן די פֿרוי פֿונעם שפּעטער באַקאַנט געוואָרענעם רוסישן ליטעראַטור-היסטאָריקער, פּראָפֿעסאָר און אַקאַדע-מיקער ד. אָווסיאַניקאָ-קוליקאָווסקי, וועלכער האָט אין די 70ער יאָרן געהערט צו דער אוקראַינישער „הראָמאַדאַ" און געווען נאָענט צו דראַגאָמאַנאָוון; ראָזאַליאַ באָגראַד איז געוואָרן די פֿרוי פֿון פּלעכאַנאָוון. מיט די אָנגעוויזענע נעמען איז דאָס צעטל ווײַט ניט אויסגעשעפּט, און די דאָזיקע מאַסן-דערשײַנונג זאָגט עדות, אַז דער געפֿיל פֿון אָפּטריניקייט און ריס מיט דער אַלטער פֿאַמיליע-טראַדיציע איז צווישן די ייִדישע פֿרויען געווען אַ סך שאַרפֿער ווי בײַ די מאַנצביל. און ווען אַ ייִדישע טאָכטער פֿלעגט פֿאַרלאָזן די היים און אַריבערגיין אין רוסישן ראַדיקאַלן לאַגער, האָבן זיך פֿרומע עלטערן ניט זעלטן געזעצט שבֿעה...

די רוסיפֿיקאַציע און אַפֿילו דער שמד, דאָס איבערטון זיך אין אַ פּויערשן פּעלץ און די אײַנריידעניש, אַז מ׳איז געוואָרן אַ רוס גלײַך מיט אַלע רוסן, האָט ניט געהאָלפֿן דעם ייִד דעם נאַראָדניק צו קענען אַרײַנדרינגען באמת אין דער נשמה און אין די געפֿילן פֿון פּויער. אויך צווישן דעם רוסישן פּראָפּאַגאַנדיסט און דעם פּויער איז געשטאַנען אַ וואַנט, פֿאַרן ייִדישן אינטעליגענט איז די וואַנט געווען אַ טאָפּלטע. דער געוועזענער נאַראָדניק, וואָס האָט געשטאַמט פֿון מאָהילעוו און האָט געהערט צו אַקסעלראָדס קרײַזל אין קיִעוו, נחמן לעווענטאַל, שרײַבט אין זײַנע זכרונות מיט איבער 50 יאָר שפּעטער, ווי שווער עס איז אָנגעקומען די ייִדישע פּראָפּאַגאַנדיסטן צו פֿירן פּראָפּאַגאַנדע אַפֿילו צווישן דעם שטאָטישן אַרבעטער, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ האַלבער פּויער: „וואָס ווילן זיי?— האָבן די אַרבעטער געפֿרעגט — צוליב וואָס קומען זיי?.. דערצו נאָך די זשידעס! צי קען דען אַ זשיד מײנען עפּעס אַנדערש ווי נאָר באַשווינדלען!" נאָך וויכטיקער איז, וואָס מ׳האָט באַדאַרפֿט גוט קענען די רוסישע פֿאָלקשפּראַך, קענען זינגען רוסישע פֿאָלקס-לידער און אַז מ׳דאַרף — אויך קענען כאַפּן אַ טאַנץ.[267] קלאָרער שרײַבט וועגן דעם לעוו

266 די שוועסטער פֿונעם נאַראָדאָוואָלישן טוער אין די 80ער יאָרן און דעם שפּעטער באַקאַנטן שרײַבער און עטנאָגראַף נ. טאַן — באָגאָראַז (אויך אַ געשמדטער).

267 נ. לעווענטאַל, Накануне хождения в народ (בראָש׳, פֿאַרלאַג „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס" מאָסקווע 1927), ז׳ 6. לעווענטאַל איז געוואָרן אַ באַקאַנטער געלערנטער און איז נאָך ביז איצט פּראָפֿעסאָר פֿון היסטאָלאָגיע אין לאָזאַנער אוניווערסיטעט. אין דער ליטעראַטור (בײַ ל. דײַטשן און אין ביאָ-ביבל׳ לעקסיקאָן) ווערט ער על פּי טעות פֿאַרביטן מיט זײַן ברודער לײזער, וואָס האָט אויך געהערט צו אַקסעלראָדס קרײַזל און האָט אין 1876 אין בערלין זיך גענומען דאָס לעבן (געווען נאָך איין ייִדישער רעוואָלוציאָנער מיטן נאָמען לעווענטאַל — לײב; וועגן אים זע ווײַטער).

דײַטש, וואָס האָט אויך דורכגעמאַכט דעם נסיון: דער פּראָפּאַגאַנדיסט האָט אויסגעצייכנט געמוזט קענען, חוץ דער רוסישער שפּראַך, פֿאַרשיידענע פֿאָלקסווערטלעך און אויסדרוקן און אויך דאָס פּויערשע לעבן, האָבן אַ שטיקל ידיעה אין ערדאַרבעט און דערצו זײַן פֿיזיש שטאַרק: „פֿון וואַנען זשע האָט געקאָנט אַן אויסגעדאַרטער, מאָגערער און שטילער ייִדישער בחור, וואָס איז מערסטנטייל געווען זעלטן אויסער דער שטאָט אָדער שטעטל, פֿאַרמאָגן אָט די דערמאָנטע פֿעיִקייטן, אײַגנשאַפֿטן און וויסן?״[268] דער באַוווסטער ייִדישער רעוואָלוציאָנער וו. יאָכעלסאָן דערציילט אין זײַנע זכרונות, אַז זײַענדיק אין בערלין, נאָך זײַן אַנטלויפֿן פֿון ווילנע אין 1875, האָט ער זיך ערשט דאָ צום ערשטן מאָל געטראָפֿן פּנים אל פּנים מיט די „אמתע פֿאָרשטייער פֿונעם רוסישן פּויערטום״ – אין בערלין האָט זיך צופֿעליק געפֿונען אַן „אַרטעל״ פֿון פּויערים-קוסטאַרעס פֿון ניזשני-נאָווגאָראָדער גוב׳, וועלכע איינער אַן אונטערנעמער האָט אַהער אַראָפּגעבראַכט; יאָכעלסאָן האָט געפּרוּווט פֿירן צווישן זיי פּראָפּאַגאַנדע, האָט געמוזט אַפֿילו צוליב דעם אָנטרינקען זיך, אָבער האָט זיך צו גאָרנישט ניט דערשלאָגן.[269] וועגן דעם באַקאַנטן ייִדישן רעוואָלוציאָנער לייזער צוקערמאַן ווערט דערציילט, אַז הגם ער איז געווען אַ פֿאַר-ברענטער „נאַראָדאָוואָלעץ״, האָט ער גערעדט אַ „צעהרגעט רוסיש״ און איז געווען לחלוטין אומבאַקאַנט מיטן רוסישן לעבן; אין דער אומלעגאַלער דרוקערײַ פֿון „נאַראָד-נאַיאַ וואָליאַ״, ווו ער האָט געאַרבעט, פֿלעגט ער פֿאַר זײַנע רוסישע חבֿרים זינגען „טרויעריקע ייִדישע ניגונים״ און דערציילן זיי ייִדישע מעשׂיות און וויצן.[270] און די ביידע דערמאָנטע האָבן גראָד געהערט צו די אַקטיווסטע צווישן די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן. לעוו דײַטש, וואָס איז געווען אַ סך מער אַסימילירט פֿון זיי, האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַנדער פּסיכאָלאָגישער מניעה. פֿאַרקליידט ווי אַ פּויער, האָט ער געאַרבעט אין אַ דאָרף צווישן רוסישע סעקטאַנטן, ווו ער האָט זיך געקליבן מאַכן פּראָפּאַגאַנדע, אויסבאַהאַלטנדיק, אַז ער איז אַ ייִד; אָבער מ׳האָט אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט חשד: „צי ביסטו ניט אַמאָל אַ זשיד?״—האָט מען אים אַ פֿרעג געטאָן, און ער האָט געמוזט פֿאַרשווײַגן...[271] צי האָט דער ייִד, בײַ אַזעלכע אומשטאַנדן, געקענט טויגן פֿאַר אַ פֿאָלקס-פּראָפּאַגאַנדיסט אָדער פֿאַר אַ בונטאַרישן אַגיטאַטאָר, פּוגאַטשאָווס אַ יורש, וואָס האָט, לויט באַקונינס סכעמע, באַדאַרפֿט מיט זײַנע רייד אָנצינדן דאָס דאָרף מיטן פֿײַער פֿון רעוואָלוציע?...

בעת עס באַנקראָטירט, אין דער צווייטער העלפֿט 70ער יאָרן, די נאַראָדנישע טעאָריע אין איר ריינער פֿאָרם, מיט איר ראָמאַנטיק פֿון עכט רוסישן פּויערשן סאָציאַליזם און זײַן „אייגענעם דרך״, און די מערהייט אַקטיווע טוער גייען אַריבער צו „פּאָליטיק״, צום קאַמף פֿאַר אַ קאָנסטיטוציע און פּאָליטישער פֿרײַהייט דורך טעראָר, עפֿענען זיך פֿאַר ייִדן-רעוואָלוציאָנערן אַ סך ברייטערע מעגלעכקייטן ווי פֿריִער, הן פּסיכאָלאָגיש הן פּראַקטיש. מיר וועלן זען, ווי ייִדן כאַפּן אויף גיך, אפֿשר גיכער ווי די אַנדערע, די נײַע ווענדונג, זייער צאָל און אַקטיווקייט ווערן גרעסער. דער טעראָר ציט אַריבער ייִדישע יוגנט נאָך פֿאַר דער גרינדונג פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און באַזונדערס נאָך איר. אמת, איינצלנע ייִדן זײַנען צוגעשטאַנען אויך צום געגנערישן לאַגער פֿון „טשאָרני פּערעדעל״, וואָס האָט געצויגן ווײַטער די אַלטע נאַראָדנישע טראַדיציע, און דערבײַ אַזעלכע וויכטיקע טוער ווי אַפּטעקמאַן, אַקסעלראָד און לעוו דײַטש, וואָס

---

268 ל. דײַטש, דצ״וו, ז׳ 59, זע אויך ז׳ 55 א״וו.

269 וו. יאָכעלסאָנס ציט׳ זכרונות אין „Былое, 1918, נר׳ 13.

270 זע די זכרונות פֿון סאָפֿיאַ איוואַנאָוואַ-באָריישאָ אין "Былое„ 1906, נר׳ 9, וועגן דער דרוקערײַ פֿון „נאַר׳ וואָליאַ״, אויך די זכרונות פֿון אָלגאַ ליובאַטאָוויטש, דאָרטן, 1906, נר׳ 6; פּג״ל אויך וו. קאָראָלענקאָ История моего современника ב׳ 4, ז׳ 253 א״וו (בערלינער אויסג׳ 1922); קאָראָלענקאָ האָט זיך געטראָפֿן מיט צוקערמאַנען אין סיביר.

271 ל. דײַטש, За полвека (זכרונות; בערלין 1923), ז׳ 202.

זײַנען פֿאַרבליבן געגנער פֿון „פּאָליטיק“, אָבער אין אַ סך אַ קלענערער צאָל ווי צו דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“,[272]; דערצו האָט דער „טשאָרני פּערעדעל“ בכלל ניט לאַנג עקסיסטירט און איז געוואָרן בלויז אַ בריק צום מאַרקסיזם, וועלכער האָט אויך אַרויס-גערוקט דעם פּאָליטישן קאַמף אויפֿן ערשטן אָרט, אונטערפֿירנדיק אונטער אים אַ גאַנץ נײַע אידעאָלאָגישע און סאָציאַלע באַזע.

אָבער בײַ אַן אויפֿמערקזאַמען אַנאַליז קען מען זען, אַז דער אמתער פּסיכאָלאָגישער כּוח, וואָס האָט געטריבן אַ סך פֿון די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן אינעם לאַגער פֿון די „פּאָליטיקער“ און טעראָריסטן, איז געווען — די ייִדישע רעכטלאָזיקייט, די האָפֿענונג אויף פּאָליטישער פֿרײַהייט, וואָס וועט ווערליג דער דעמאָלט הערשנדיקער מיינונג פֿאַרענטפֿערן אויך די ייִדן-פֿראַגע. דאָס רובֿ ייִדישע טעראָריסטן האָבן זיך וועגן דעם אַליין ניט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אָבער אַנדערע האָבן עס יאָ געפֿילט. באַזונדערס קלאָר זעען מיר דאָס אויפֿן בײַשפּיל פֿון זונדעלעוויטשן, וואָס וועגן אים וועט אונדז אויסקומען צו רעדן שפּעטער. אַ קלאָרן באַווײַז האָבן מיר אויך פֿון אַן אַנדער ייִדישן „נאַראָדאָוואָלעץ“, אמת אַ ווייניק באַקאַנטן טוער פֿון די 80ער יאָרן. אין ווילנער אַרכיוו איז ניט לאַנג געפֿונען געוואָרן אַן איבערגעכאַפּטער בריוו פֿון אַבראַם מאַגאַט, אַ ווילנער, צו זײַן שוועסטער, פֿון נאָוועמבער 1879. מיר ציטירן דאָ דעם דאָזיקן כאַראַקטעריסטישן בריוו, וואָס פֿירט אונדז אַרײַן אין דער אינטימער אידעיִשער וועלט פֿון אַ מיטעלן ייִדישן רעוואָלוציאָנער אין יענע יאָרן:

„ייִדן פֿאַרשטייען — שרײַבט מאַגאַט, — אַז עס פֿעלט זיי פֿרײַהייט, פֿעלט רעכט. ווי געשיקט זיך דאָס [טענהן זיי]: מיר זײַנען דאָס סאַמע עלטסטע פֿאָלק, דאָס קליגסטע, געבילדעטסטע און ענערגישסטע, און בײַ אונדז נעמט מען אָפּ דאָס רעכט, וואָס אַלע אַנדערע אונטערטאַנען פֿון רוסלאַנד האָבן יאָ, און מען דערלויבט אונדז אַפֿילו ניט צו פֿירן פֿרײַ אונדזערע געשעפֿטן! ניין, מיר מוזן זיך צושלאָגן צו דער דאָזיקער פֿרײַהייט און גלײַכבאַרעכטיקונג, מעג געשען וואָס עס וויל! – ייִדן זײַנען אויפֿגעבראַכט ניט פֿון דער אוממאָראַלישקייט פֿון די רוסישע געזעצן, נײַערט נאָר דערפֿון, וואָס די דאָזיקע געזעצן שטערן זיי צו מאַכן געשעפֿט אויפֿן פֿעטן באָדן פֿון די רוסישע שטעט. איך אָבער קוק אַנדערש אויף דער פֿראַגע. איך זע צוויי און אַ האַלב מיליאָן מענטשן אין קנעכטשאַפֿט און זאָג: מען דאַרף זיך שטעלן אויפֿן צד פֿונעם דערנידעריקטן און אומבאַשיצטן פֿאָלק, מען דאַרף אויסקעמפֿן פֿרײַהייט פֿאַר אים. און וואָלט אָט דאָס פֿאָלק אין זײַן גאַנצער מאַסע אויפֿגעשטאַנען קעגן זײַנע אונטערדריקער, וואָלט איך זיך באַוואָפֿנט מיט אַ שווערד און רעוואָלווער און געגאַנגען מלחמה האַלטן פֿאַר זײַן פֿרײַהייט. היות ווי בײַ די געגעבענע אומשטאַנדן איז דאָס אוממעגלעך, האָבן אייניקע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן צווישן ייִדן צוגעטראַכט אויסצוקעמפֿן פֿרײַהייט דורכן געדרוקטן וואָרט, וואָס האָט שוין געבראַכט זייער אַ גרויסע טובֿה דער מענטשהייט–און פֿאַר וואָס זאָל דאָס ניט זײַן קיין תּרופֿה אויך פֿאַר ייִדן? דאָס געדרוקטע וואָרט האָט דאָך שוין אויפֿגעקלערט די ייִדישע לאַגע אין רומעניע, און דער בערלינער קאָנגרעס האָט זיי געגעבן גלײַכ-באַרעכטיקונג, דערווײַל אמת נאָר אויף פּאַפּיר... אויב רוסלאַנד וועט אונטער דער ווירקונג פֿון די אינעווייניקסטע אומרוען (רעוואָלוציע) באַקומען אַ קאָנסטיטוציע, וועלן אויך ייִדן קריגן גלײַכע רעכט. אָבער אָן דעם, מעגן די ייִדישע שרײַבער אַפֿילו זײַן די גרעסטע חכמים, וועלן זיי גאָר ניט פּועלן... שיקט מען דען ניט אַרויס יעדן טאָג ייִדן פֿון פּעטערבורג און מאָסקווע? האָבן דען געקענט ניט דערלאָזן דערצו די צוויי ייִדישע

---

[272] חוץ די דערמאָנטע זײַנען באַקאַנט אויך די ייִדן-„טשערנאָפּערעדעלצעס“: כאָטינסקי, אַבראַם רובליאָוו, יעווגעניאַ רובינטשיק און אויך גרינפּעסט, געצאָוו און לעווקאָוו אין מינסק, וואָס האָבן דאָרט אײַנגעאָרדנט די אומלעגאַלע דרוקערײַ פֿון דער פּאַרטיי (זע ווײַטער).

פּרעסע-אָרגאַנען, וואָס טענהן די גאַנצע צײַט, אַז יידן טאָרן זיך ניט אַרויסדרייען פֿון מיליטער-דינסט ?״[273]

פֿאַר אַ באַווײַז, אַז צו טעראָר האָט דעם יידישן רעוואָלוציאָנער אָפּט געטריבן די שטרעבונג צו פּאָליטישער פֿרײַהייט און גלײַכע רעכט פֿאַר יידן, קען דינען דער פֿאַקט, אַז אין די 80ער יאָרן, בעת די יידישע רעכטלאָזיקייט און די אַנטיסעמיטישע רדיפֿות פֿאַרשטאַרקן זיך, פֿאַרגרעסערט זיך שטאַרק אויך די צאָל די יידן-טעראָריסטן און זייער אַקטיווקייט, הגם די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ גייט באַרג אַראָפּ. צווישן דער יידישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, הן אין די גרויסע שטעט, הן אין די שטעט פֿון „תּחום״, פֿאַרשפּרייט זיך ברייט די נאַראָדאָוואָלישע אידעאָלאָגיע. אין דער אַטמאָספֿער פֿון דער אַרומיקער רעאַקציע, בײַ דער רעגירונג און בײַ דער געזעלשאַפֿט, האָט דער טעראָר אויסגעדוכט צו זײַן דער איינציקער מיטל — אַ מיטל פֿון אַ פּאַריאושטער קליינער מינאָריטעט צווישן אַ ים פֿון גלײַכגילטיקע און דערשלאָגענע.

## VI

יידן אין דער טעראָריסטישער באַוועגונג.—צוויי פּסיכאָלאָגישע טיפּן טעראָריסטן: וויטנבערג און גאָבעט, מלאָדעצקי און גרינגאָרי גאָלדענבערג (70ער יאָרן).

1878 איז דאָס יאָר, ווען נאָך אַלע אַנטוישונגען, דורכפֿאַלן און פּאָליציייִשע רעפּרעסיעס באַווײַזן זיך די טעראָריסטישע שטימונגען, באַזונדערס צווישן די דרום-רוסישע בונטאַרן, אין קיִעוו, אָדעס, ניקאָלאַיעוו, וועלכע זײַנען אומצופֿרידן מיט דער „זעמליאַ אי וואָליאַ״ און פֿאָדערן ניט פּראָפּאַגאַנדע, נײַערט מעשׂים. צום ערשטן מאָל נאָך קאַראַקאָזאָווס שאָס קומט אויף דער געדאַנק וועגן אַן אַטענטאַט אויפֿן צאַר ווי אַ נקמה פֿאַר די רדיפֿות. געוועזן איז עס מיט איבער אַ יאָר פֿריִער פֿאַר דער גרינדונג פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, וואָס האָט זיך געשטעלט פֿאַר איר הויפּט-אויפֿגאַבע צו אָרגאַניזירן אַזאַ אַטענטאַט. כּמעט איינציִיטיק ווערן אין 1878 אין פֿאַרשיידענע ערטער געמאַכט עטלעכע פּרוּוון פֿון צאַרן-אַטענטאַט, אָבער אָן אַ צענטראַלער אָנפֿירונג און אָן דער נייטיקער געניטשאַפֿט פֿאַלן זיי דורך, און די איניציאַטאָרן פֿון טעראָר קומען אום אויף דער תּליה.

אין דער זעכציקער צײַט ווי בײַ די רוסן באַווײַזן זיך טעראָריסטן אויך צווישן די יידן-רעוואָלוציאָנערן. די טעאָרעטישע הנחות פֿונעם טעראָריזם זײַנען ניט געווען מי יודע ווי טיף און אין זײַן פּאָליטישער פּראָגראַם איז ער פּאַקטיש ניט געגאַנגען ווײַטער פֿון ראַדיקאַל-ליבעראַלע רעפֿאָרמעס. אָבער ער האָט אַרײַנגעצויגן רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייטן מיט אַ שטאַרקן גײַסט, אַקטיווע נאַטורן מיט אַן אײַזערנער ענערגיע, וואָס האָט געפֿונען איר תּיקון אינעם געראַנגל צווישן רעוואָלוציע און צאַריזם אויף לעבן און טויט. פֿון דער צווייטער זײַט האָט אָבער די ראָמאַנטיק פֿון טעראָר פֿאַרכאַפּט אויך איניקע רעוואָלוציאָנערע נעוראַסטעניקער, וואָס זײַנען אין תּוך געווען צופֿעליקע

---

273 דער בריוו איז געפֿונען געוואָרן אין ווילנע, אינעם מוראַוויאָוו-אַרכיוו, אָפּט׳ „פּערלוסטראַטאַ״ פֿאַרן י׳ 1879, נו׳ 29 (דורך פֿרוי ד״ר נ. יאַפֿע); דעם בריוו, אין רוסיש, האָט אַ. מאַגאַט געשיקט פֿון וואַרשע קיין ווילנע. אבראַם מאַגאַט איז געב׳ אין 1860 און איז זײַענדיק סטודענט אַרײַן אין דער נאַראָדאָוואָלישער באַוועגונג; אין 1885 איז ער געוואָרן אַרעסטירט אין פּעטערבורג פֿאַר זײַן שײַכות צו אַ געהיימער דרוקערײַ און איז פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, קיין יאַקוטסק, זאָל זיך האָבן באַטייליקט אין דעם יאַקוטסקער באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד פֿון 1889. פֿון סוף די 90ער יאָרן האָט ער געלעבט אין ווילנע און פֿאַרנומען זיך מיט לערערײַ און עוואַקוירט זיך אין 1915 קיין רוסלאַנד, ווו ער איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געשטאָרבן.

די צוויי יידישע פּרעסע-אָרגאַנען, וואָס ווערן אינעם בריוו דערמאָנט, זײַנען „ראַזסוועט״ און „רוסקי יעווריי״, וואָס האָבן אָנגעהויבן דעמאָלט דערשײַנען אין פּעטערבורג.

פּערסאָנאַזשן אין דעם ביטערן געראַנגל און וואָלטן אין אַן אַטמאָספער ניט אָנגע-
זעטיקטער מיט טעראָריסטישן קאַמף קיין מאָל ניט געקענט פאַרנעמען דעם אָרט, וואָס
זיי האָבן פאַרנומען. די ביידע פּסיכאָלאָגישע טיפּן טרעפן מיר ביי ניט-ייִדן ווי ביי ייִדן,
אָבער ביי ייִדן טרעטן זיי אַרויס בולטער, פאַרשאַרפטער: די עוואָלוציע, וואָס דער
ייִדישער יונגער מאַן האָט דורכגעמאַכט פונעם אַפּאָליטישן ייִדישן תחום ביז טעראָר
און אַטנטאַט אויפן צאַר, איז געווען ניט דער ערך אַ קאָמפּליצירטערער ווי ביי די רוסן.
מיר ווילן דאָ אַנטקעגנשטעלן צוויי ייִדישע טעראָריסטן פונעם ערשטן טיפּ, וואָס שטאַמען
ביידע פון דער פאַר-נאַראָדאָוואָלישער פּיאָניערן-תקופה, מיט צוויי אַנדערע, וואָס די רעוואָ-
לוציע האָט צופעליק אַרויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייען. גראָד די ערשטע צוויי זיינען
אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור אַ סך ווייניקער באַלויכטן, ווי די צוויי לעצטע,
אַרום וועלכע ס'האָט זיך בשעתו ניט ווייניק געטומלט.

כראָנאָלאָגיש איז דער ערשטער אַקטיווער ייִדישער טעראָריסט געווען סאָלאָמאָן
וויטנבערג. וויטנבערג האָט געשטאַמט פון ניקאָלאַיעוו.[274] זיין פאָטער, אַן אָרעמער
בעל-מלאָכה, אַ שפּיגל-מאַכער, האָט געטרוימט צו מאַכן פון זיין זון אַ רבֿ, אָבער אויס-
געלאָזט האָט זיך אַנדערש. וויטנבערג איז אַריינגעטראָטן אין רעאַלשול און שפּעטער טרעפן
מיר אים שוין ווי אַ סטודענט פון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט אין ווין, ווו ער האָט
שטודירט עטלעכע יאָר. אין 1876 קערט ער זיך אום קיין רוסלאַנד, וואַרפט זיך אַריין
אין דער באַוועגונג און ווערט אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. ער אָרגאַניזירט
אַ רעוואָלוציאָנערן קרייזל אין ניקאָלאַיעוו, שפּעטער באַטייליקט ער זיך אינעם יעליסאַוועט-
גראַדער קרייזל און איז פאַרמישט אינעם אַטנטאַט אויפן פּראָוואָקאַטאָר גאָרינאָוויטש. אין
1878 מאַכט ער דעם ערשטן פּרווו אין יענער תקופה (אין איינעם מיטן מאַטראָס
לאָגאָווענקאָ) צו אָרגאַניזירן אַן אַטנטאַט אויף אַלעקסאַנדער II און גרייט זיך צו לייגן
אַ מינע אין ניקאָלאַיעוו אונטערן וועג, ווו דער צאַר האָט געזאָלט דורכפאָרן. אָבער
פאַר דער צייט ווערט וויטנבערג אַרעסטירט אין אָדעס, בעת דער באַוואָפנטער
דעמאָנסטראַציע נאָך קאָוואַלסקיס טויט־אורטייל, אין יולי 1878; די פּאָליציי געפינט ביי
אים דעם אויפרייסשטאָף און דעקט אויף זיין אָנטייל אין די הכנות צום אַטנטאַט. אין
אַפּריל 1879, נאָך סאָלאָוויאָווס שאָס, נעמען אָן די רעפּרעסיעס קעגן רעוואָלוציאָנערן
אַ מוראדיקן כאַראַקטער, עס ווערן איינגעפירט קריגסגעריכטן, אַ סך רעוואָלוציאָנערן
ווערן פאַרמשפּט צום טויט. אין יולי 1879 קומט פאָר אין אָדעס דער אַ"ג „פּראָצעס פון
די 28" (אָדער: „טשובאַראָווס פּראָצעס"), וואָס משפּט אויך וויטנבערגן און פאַרמשפּט אים
צו טויטשטראָף, אין איינעם מיט נאָך פיר (צווישן זיי — ליזאָגוב). דעם 11טן אויגוסט
1879 ווערט וויטנבערג אויפגעהאַנגען אין ניקאָלאַיעוו; צו דער תּליה האָט מען אים
געפירט אויף אַ שאַנדוואָגן, מיט אַן אויפשריפט „מלוכה-פאַרברעכער" אויף דער
ברוסט.

וויטנבערג איז דער צווייטער ייִדישער רעוואָלוציאָנער אין רוסלאַנד, וואָס איז
אומגעקומען אויפן עשאַפאָט — וועגן דעם ערשטן, אַהרן גאָבעטן, איז די רייד ווייטער.
קיין סך ידיעות אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור זיינען וועגן וויטנבערגן ניט
פאַראַן[275] און קיין גרויסע ראָלע האָט ער ניט געשפּילט, אָבער ער געהער צו די
ערשטע אין יענער תקופה, וואָס האָבן אויפגענומען דעם געדאַנק פון אַטנטאַט אויף
אַלעקסאַנדער II. געווען איז ער אַ שטילער און באַשיידענער יונגער מאַן, „דער בעסטער

---

274 געבוירן אין 1852.

275 אַ קורצע ביאָגראַפיע פון וויטנבערגן איז פאַראַן אין ביאָ-ביבליאָגראַפישן לעקסיקאָן, באַנד 2 (70ער יאָרן), העפט 1, ז' 200, ווו עס איז אָנגעוויזן די ליטעראַטור; אַ קורצע און שאַרפע כאַראַקטעריסטיק פון אים האָט געגעבן לעוו דייטש אין „צוקונפט" 1915, נו' 12.

צווישן די בעסטע", ווי עס שרײַבט אײנער פֿון זײַנע חבֿרים, און אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן גײַסט.[276] זיצנדיק אין תּפֿיסה, האָט זיך וויטנבערג פֿאַרן טויט געווענדט מיט אַ בריוו, מיט אַ מין צוואה צו זײַנע חבֿרים, וואָס באַווײַזט, ווי שטאַרק אָט דער ייִדישער טעראָריסט איז געווען באַוועלטיקט פֿון רעליגיעזע געפֿילן, אין וועלכע ס'האָבן זיך אויסגעמישט רײן קריסטלעכע אידעען מיט טיפֿער סאָציאַליסטישער אמונה. מיר ברענגען דאָ דעם פֿולן טעקסט פֿון דעם זעלטענעם פּסיכאָלאָגישן דאָקומענט:

„מײַנע פֿרײַנד! — שרײַבט וויטנבערג — געוויס ווילט זיך מיר ניט שטאַרבן, און עס וואָלט געווען ניט אמת פֿון מײַן זײַט, ווען איך זאָג, אַז איך גײ גערן צום טויט. אָבער זאָל דאָס ניט וואַרפֿן קײן שאָטן אויף מײַן גלויבן און אויף דער פֿעסטקייט פֿון מײַנע איבערצײַגונגען: דערמאָנט אײַך, אַז דער העכסטער בײַשפּיל פֿון מענטשן-ליבע און מסירת-נפֿש איז זיכער געווען דער אויסלייזער [קריסטוס]; פֿון דעסט וועגן, האָט ער אויך תּפֿילה געטאָן: „טו אָפּווענדן פֿון מיר דעם דאָזיקן בעכער". ווי זשע קען א י ך ניט טון תּפֿילה וועגן דעם? און ווי ער זאָג איך צו זיך: „אויב אַנדערש איז ניט מעגלעך, אויב צוליבן נצחון פֿונעם ס אָ צ י אַ ל י ז ם איז נייטיק, אַז מײַן בלוט זאָל פֿאַרגאָסן ווערן, אויב דער איבערגאַנג פֿון דער איצטיקער אָרדענונג צו אַ בעסערער איז אַנדערש ניט מעגלעך, ווי נאָר דורך אַריבערטרעטן איבער אונדזערע קערפּערס, — טאָ זאָל אונדזער בלוט פֿאַרגאָסן ווערן, זאָל עס פֿאַלן ווי אַ קרבן עולה פֿאַר דער מענטשהייט. און אין דעם, אַז אונדזער בלוט וועט פֿעטער מאַכן דעם באָדן, אויף וועלכן ס'וועלן אויפֿגײן די זוימען פֿון סאָציאַליזם, אַז דער סאָציאַליזם וועט טריומפֿירן, און טאָקע גאָר אין גיכן, — אין דעם גלייב איך! איך דערמאָן זיך דאָ ווידער די ווערטער פֿונעם אויסלייזער: „באמת זאָג איך אײַך — אַ סך פֿון די וואָס געפֿינען זיך דאָ וועלן נאָך ניט דערפֿילן דעם טעם פֿון טויט, ווי ס'וועט קומען אויף דער וועלט די מלכות אלהים". איך בין אין דעם איבערצײַגט, פּונקט ווי איך בין איבערצײַגט, אַז די ערד באַוועגט זיך. און בעת איך וועל אַרויף אויפֿן עשאַפֿאָט און דער שטריק וועט ליגן אויף מײַן האַלדז, וועט מײַן לעצטער געדאַנק זײַן: „און דאָך באַוועגט זי זיך, און קײנער אין דער וועלט איז ניט אין שטאַנד איר באַוועגונג אָפּצושטעלן!"... צום סוף פֿון בריוו קומט אַ צושריפֿט צו אײנעם פֿון זײַנע אינטימסטע חבֿרים: „אויב דו גיסט צו כאָטש וואָסער ניט איז ווערט מײַן לעצטן ווילן, אויב דו האַלטסט הייליק מײַן לעצטן ווינטש, טאָ זאָג זיך אָפּ פֿון יעטווידן געדאַנק וועגן נקמה. „זײַ זײ מוחל, זײ ווייסן ניט וואָס זײ טוען".[277] און דאָס איז אויך אַ צײכן פֿון דער צײַט: זײער פֿאַרשטאַנד איז מבֿולבל געוואָרן, זײ זעען, אַז אין גיכן קומען אָן אַנדערע צײַטן, און ווייסן ניט ווי דאָס אָפּצוּווענדן. איך בעט דיך נאָך אַ מאָל: זאָג זיך אָפּ פֿון יעטווידן געדאַנק וועגן נקמה!"[278]

די דאָזיקע צוואה פֿונעם צום טויט פֿאַרמשפּטן ייִדישן רעוואָלוציאָנער איז דער סאַמע קריסטלעכסטער דאָקומענט אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור. די צײַט און די אומשטאַנדן האָבן פֿון אים געמאַכט ניט אַ רבֿ, ווי די אָרעמע עלטערן האָבן געחלומט, נאָר אַ טעראָריסט, וואָס איז געגאַנגען מיט פּסוקים פֿון קריסטוסן אויף קידוש השם פֿאַר זײַן נײַער אמונה, אויסצולייזן די וועלט און מקריבֿ זײַן דאָס לעבן

---

276 זע די זכרונות וועגן וויטנבערגן פֿון זײַן חבֿר מ. מ אָ ר י י נ י ס אין „Каторга и Ссылка" נו' 56 (1929), ז' 47 א"ו. מיכאַיִל מאָריינים, אויך פֿון ניקאָלאַיעוו, איז געווען וויטנבערגס אַ תּלמיד און אינטימער חבֿר, איז אויך צוגעשטאַנען צו די טעראָריסטן און איז געוואָרן פֿאַרמשפּט אויפֿן זעלביקן פּראָצעס אין אָדעס צו פֿאַרשיקונג אין סיביר, וווּ ער איז אָפּגעווען כמעט 20 יאָר. וווינט איצט אין אָדעס.

277 אַן אויסדרוק פֿון עוואַנגעליע: קריסטוסעס ווערטער פֿאַר זײַן קרייצונג.

278 וויטנבערגס בריוו איז געווען אָפּגעדרוקט אין ערשטן נומער פֿון זשורנאַל „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ"; זע „Литература „Народной Воли (1905), ז' 11—12.

פֿאַרן סאָציאַליסטישן אידעאַל. אין זײַן ביאָגראַפֿיע ווערט דערציילט, אַז פֿאַר דער תּליה איז צו אים צוגעקומען דער רבֿ (ראַבינער ?), וועלכן די פּאָליציי האָט מיטגעבראַכט, און געוואָלט אים זאָגן די לעצטע טרייסטווערטער אָדער מוסר־רייד, אָבער וויטנבערג האָט זיך אָפּגעזאָגט. עס ווערט אויך איבערגעגעבן אַזאַ סצענע: נאָכן פּסק־דין זײַנען צו אים געקומען די עלטערן אויפֿן לעצטן באַזוך, און דער פֿאַריאושטער פֿאָטער האָט אים געפֿרעגט: „אפֿשר וועסטו דערלאַנגען דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר אַ בקשה וועגן באַגנעדיקונג ?" דערויף האָט וויטנבערג געענטפֿערט: „אויך אויב דער פֿאַרמשפּטער גייט איבער אין פּראַוואָסלאַוויע, ווערט, זאָגט מען, די שטראָף פֿאַרקלענערט"... אָבער דאָ האָט זיך אָפּגערופֿן די מוטער: „שטאַרב אַזאַ ווי דו ביסט, דײַן זון וועט אויסוואַקסן און וועט פֿאַר דיר נקמה נעמען"...[279] אין דעם מאָמענט האָבן זיך פֿאַראייניקט די צוויי וועלטן, וואָס די רעוואָלוציע האָט צעטיילט: די וועלט פֿון דער פֿרומער פּשוטער מאַמע און פֿונעם זון דעם רעוואָלוציאָנער; ביידע האָבן ניט געוואָלט גיין אויף קאָמפּראָמיסן אין זייער אמונה אַפֿילו פֿאַר דעם שאָטן פֿון טויט, וואָס איז שוין געשטאַנען בײַ דער שוועל פֿון תּפֿיסה.

דער ערשטער ייִדישער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז אומגעקומען אויף דער תּליה, איז געווען אהרן גאָבעט.[280] גאָבעט איז געווען איינער פֿון די אַקטיוווסטע רעוואָלוציאָנערע טוער אין יענער צײַט, אָבער גאָר פֿון אַן אַנדער מין ווי וויטנבערג: אַליין אַן אַרבעטער, האָט ער געפֿירט די פּראָפּאַגאַנדע דער עיקר צווישן אַרבעטער. אַ שווײַגער און קאָנספּיראַטאָר, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ שווער לעבן און אַן אומרויִקע רעוואָלוציאָנערע קאַריערע, געלעבט אונטער פֿאַרשיידענע נעמען און אַפֿילו אויפֿגעהאַנגען געוואָרן אונטער אַ פֿרעמדן נאָמען, איז ער ניט פֿאַרבליבן אַזוי אײַנגעקריצט אין זכּרון פֿון זײַנע בני־דור, ווי די אַנדערע און אַזוי ווי ער וואָלט דאָס פֿאַרדינט. גאָבעט האָט געהערט צו די ערשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַטאָרן אין רוסלאַנד, אָבער אויך ער איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער השפּעה פֿון טעראָריזם און האָט זיך באַטייליקט אין איינעם פֿון די ערשטע פּרוּוון צו אָרגאַניזירן אַ צאַרן־אַטענטאַט, וואָס איז אין אַלע זײַנע פּרטים נאָך ביז איצט ניט אויפֿגעקלערט.

גאָבעט האָט געשטאַמט פֿון ווילנע. אין 1859 האָט דער ווילנער קהל אָפּגעגעבן אים, אַן עלף־יאָריקן ייִנגל, אַ זון פֿון אַן אָרעמען בעל־מלאָכה, פֿאַר אַ רעקרוט און ער איז גאַנצע 13 יאָר אָפּגעווען אַ סאָלדאַט. אַן אויסגעדינטער אונטער־אָפֿיציר, באַזעצט ער זיך תּחילת אין אַדעס, פֿאַרנעמט זיך מיט שוסטערײַ און שוין דעמאָלט אַ פּנים שטייט ער צו צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און באַטייליקט זיך אינעם באַקאַנטן „דרום־רוסישן פֿאַרבאַנד פֿון אַרבעטער", וואָס האָט עקסיסטירט ביזן יאָר 1875. שפּעטער פֿאָרט ער אַריבער קיין ניקאָלאַיעוו, וווּ ער האָט אויך אַ קליינעם שוסטער־וואַרשטאַט, דערנאָך איז ער אַן אײַזנבאַן־אַרבעטער אין אַדעס. אין דער צײַט פֿון זײַן מיליטער־דינסט איז גאָבעט זייער אַסימילירט געוואָרן, האָט גוט באַהערשט די רוסישע שפּראַך און האָט אויסגעזען גאָר ווי אַ רוס; דאָס האָט אים שטאַרק פֿאַרלײַכטערט צו פֿירן די פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער רוסישער מאַסע. אין די דרום־רוסישע שטעט האָבן צו יענער צײַט עקסיסטירט עטלעכע רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך; אין ניקאָלאַיעוו איז געווען אַ קרײַזל, צו וועלכן ס'האָבן געהערט סאָוועלי זלאַטאָפּאָלסקי, וויטנבערג, מאָריינים, כּריסטינאַ גרינבערג — אַלץ שפּעטערדיקע טעראָריסטן. אָבער גאָבעט האָט זיך קענטיק געהאַלטן מן הצד פֿון די אינטעליגענטישע קרײַזלעך. אין 1877, בעת דער רוסיש־טערקישער מלחמה, ווערט ער

279 די ציט' זכרונות פֿון מאָריינים אין „קאַטאָרגאַ אי ססילקאַ", נר' 56, ז' 64.

280 אין דער רעוו' ליטעראַטור רופֿט מען אים געווײנטלעך גאָבסט; אויף דעם טעות האָט אָנגעוויזן פּראָוו י. קושעוו אין איר אַרט' אין „Каторга и Ссылка" נר' 64 (1930): „גאָבסט אָדער גאָבעט?". זײַן פֿולער ערשטער נאָמען איז געווען: ישׂראל־אהרן.

מאָביליזירט און הייבט באַלד אָן אַ ברייטע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די סאָלדאַטן פֿון זײַן פּאָלק. דאָס ווערט באַקאַנט, די זשאַנדאַרמען אַרעסטירן אַ צאָל סאָלדאַטן, אָבער גאָבעטן גיט זיך אײַן צו אַנטלויפֿן. דער פֿאַל ווערט באַטראַכט פֿאַר אַזאַ ערנסטן, אַז מעזענצעוו, דער זשאַנדאַרמעריע־שעף אין פּעטערבורג, געפֿינט פֿאַר נייטיק צו ראַפּאָרטירן וועגן אים דעם צאַר. גאָבעטס צווייטער רעוואָלוציאָנערער עטאַפּ פֿאַרלויפֿט אין פּעטערבורג, ווו ער באַזעצט זיך אונטער אַ פֿאַלשן פּאַס און עפֿנט אַ שוסטער־וואַרשטאַט לעבן אַ גרויסער טעקסטיל־פֿאַבריק, דער אַ״ג „נאָוואַיאַ בומאַגאָפּריאַדילניאַ״, הינטער פּעטערבורגער שלאַבאַן (Застава), ווו עס אַרבעטן אַ פּאָר טויזנט אַרבעטער. ער אָרגאַניזירט דאָ אַן אומלעגאַלן אַרבעטער־קרײַזל און פֿירט אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע, און דער רעזולטאַט איז, אַז דעם 28סטן פֿעברואַר 1878 ברעכט אויס אין דער פֿאַבריק אַ שטרײַק. דאָס איז דער ערשטער אַרבעטער־שטרײַק אין רוסלאַנד, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע און וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג. גאָבעטס שוסטער־וואַרשטאַט איז דער שטאַב פֿון שטרײַק. פּלעכאַנאָוו האָט שפּעטער אָנגעוויזן אויף גאָבעטס ראָלע אין דעם שטרײַק און געשריבן, אַז „ער אַליין איז ווערט געווען אַ גאַנץ קרײַזל״. גאָבעט איז אין יענע יאָרן געווען פֿאַרבונדן מיט דער „זעמליאַ אי וואָליאַ״, אָבער צו דער אַרבעט אין דאָרף און אויך צווישן דער אינטעליגענץ האָט ער קיין שײַכות ניט און זײַן גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע פֿירט ער נאָר צווישן די שטאָטישע אַרבעטער. אין 1879 אַנטלויפֿט גאָבעט קיין קיִעוו, ווו ער לעבט אונטערן נאָמען אַניסים פֿיאָדאָראָוו, אַ שלאָסער, און אין אָט דעם דריטן און לעצטן עטאַפּ פֿון זײַן לעבן זעען מיר אים שוין צווישן די טעראָריסטן. בײַם אַרעסט אין מאַי דאָס יאָר געפֿינט מען בײַ אים אַ סך אויפֿרײַס־מאַטעריאַל, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר אַ געפּלאַנטן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II, אויך פֿאַלשע פּעסער און ליטעראַטור, און ער ווערט פֿאַרמשפּט אין יולי 1879 פֿונעם קיִעווער מיליטער־געריכט צום טויט און אויפֿגעהאַנגען. דעם געריכט און דער פּאָליציי איז דעמאָלט געבליבן אומבאַקאַנט, אַז פֿיאָדאָראָוו איז דאָס דער גאָבעט, וועמען מען האָט עטלעכע יאָר אַרומגעזוכט, אויך אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור איז ער פֿאַרנאָטירט געוואָרן ווי פֿיאָדאָראָוו; ערשט שפּעטער איז באַקאַנט געוואָרן זײַן אמתער נאָמען.[281]

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, און באַזונדערס די טעראָריסטישע, האָט געפֿאָדערט מענטשן ניט נאָר מוטיקע, נײַערט אויך אינעווייניק פֿעסטע, גײַסטיק דיסציפּלינירטע, אָן נאָכטראַכטענישן און דער עיקר אָן דעם פֿאַטאַלן חסרון פֿון וועלן זיך אויספֿײַנען און

---

281 גאָבעטס ביאָגראַפֿיע זע אינעם ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן, ב׳ II (70ער יאָרן), ה׳ 1, ז׳ 272; זע אויך אַ קורצן אַרטיקל וועגן אים פֿון ל. דײַטש, זייער אַ שוואַכן, אין „צוקונפֿט״ 1915 נו׳ 12. דער וויכטיקסטער מקור איז דער אַרט׳ פֿון י. בוים, אינעם ז״ב Рев. движение среди евреев (פֿאַרל׳ פֿון „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס״, מאָסקווע 1930), ז׳ 185—205, לײדער ניט פֿאַרענדיקט. אין ווילנער זשאַנדאַרמעריע־אַרכיוו איז פֿאַראַן אַ געהיימער באַפֿעל פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג״ קיין ווילנע אויפֿצוזוכן גאָבעטן (נו׳ 214, פֿון 10 אָקט׳ 1877).

גאָבעטס פֿרוי איז פֿאַר די חתונה פֿון איר מאַן פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַרכאַנגעלסקער גוב׳. זי אַליין האָט געהאַט גאָר אַ קנאַפּע שײַכות צו רעוו׳ אַרבעט, אין גאָבעטס חברים האָבן פֿון איר אַפֿילו אויסגעבאַהאַלטן וווהין ער איז אַנטלאָפֿן, פֿון דעסט וועגן האָט די פּאָליציי פֿון איר אײניקע ידיעות אַרויסגעקראָגן. אין 1882 האָט זי זיך אין דער פֿאַרשיקונג געשמדט און געענדערט איר ייִדישן נאָמען (באַסיע) אויף ראַיִסאַ סטעפּאַנאָוונאַ, זוכנדיק מיט אַלע מיטלען צו באַהאַלטן איר ייִדישן אָפּשטאַם און איר אַמאָליקע שײַכות צו די רעוואָלוציאָנערן; אין אירע בקשות צו דער מאַכט בעט זי ניט צו דערמאָנען איר פֿריִערדיקן ייִדישן נאָמען און זאָגט שבֿחים דער פּראַוואָסלאַווער רעליגיע (אַרכיוו פֿון געוו׳ זשאַנדאַרמעריע אין אַרכאַנגעלסק, מאַטעריאַלן וועגן די פּאָליטיש פֿאַרשיקטע אין די 70—80ער יאָרן).

שפּילן טעאַטער פֿון אַ רעוואָלוציאָנערן העלד, בעת עס גייט אָן אַזאַ בלוטיק ערנסטער געראַנגל מיטן צאַריזם. צוויי באַקאַנטע ייִדן-טעראָריסטן האָבן דעם דאָזיקן עקזאַמען ניט אויסגעהאַלטן.

דער ערשטער פֿון זיי איז מ א י ר מ ל אָ ד ע צ ק י,[282] וועלכער האָט דעם 20סטן פֿעברואַר 1880 געשאָסן אויף גראַף לאָריס-מעליקאָוון, וואָס איז ערשט באַשטימט געוואָרן פֿאַרן פֿאָרזיצער פֿון דער „העכסטער קאָמיסיע אָפּצוהיטן די מלוכה-אָרדענונג און געזעלשאַפֿטלעכע רו", דאָס מיינט פֿאַרן פֿאַקטישן דיקטאַטאָר פֿון לאַנד. אַ טעראָריסטישער אַקט קעגן אַזאַ הויכער פּערזאָן, פֿאַר וועלכן מלאָדעצקי האָט באַצאָלט מיט תּליה, האָט אייגנטלעך באַדאַרפֿט אַרויסרופֿן דעם גרעסטן אָפּקלאַנג אין דעם רעוואָלוציאָנערן לאַגער; אין דער אמתן אָבער ווערט דער אַטענטאַט לפי ערך ווייניק באַרירט אין דער ליטעראַטור און נאָר ווי אַ צופֿעליקער און אין אַ געוויסער מאָס פּײַנלעכער עפּיזאָד.[283] אויף מאָרגן נאָכן אויספֿירן דעם טויטאורטייל איבער מלאָדעצקין, דעם 23סטן פֿעברואַר 1880, האָט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלע פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער זי לויבט טאַקע זײַן העלדישקייט, אָבער גרענעצט זיך פֿאַקטיש אָפּ פֿון אים: „דער דאָזיקער אַטענטאַט איז אויסגעפֿירט געוואָרן אויף זײַן, מלאָדעצקיס, אייגענער אחריות... אמת, מלאָדעצקי האָט זיך געהאַט געווענדט צום „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" און געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג אויסצונוצן אים פֿאַר אַ וואָסער ניט איז טעראָריסטישן אַקט, אָבער ניט אָפּוואַרטנדיק אַפֿילו קיין 2—3 טעג, איז ער באַגאַנגען זײַן אַטענטאַט ניט נאָר אָן דער הילף, נײַערט אַפֿילו אָן דעם וויסן פֿונעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".[284] די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט בכן געהאַלטן דעם אַקט פֿאַר אַן אומפֿאַראַנטוואָרטלעכן און ניט אירן. דער פּרינציפּ פֿון טעראָריסטישער נקמה איז געווען צו „באַשטראָפֿן" נאָר יענע מאַכט-פֿאָרשטייער, וואָס האָבן זיך פֿאַרזינדיקט פּערזענלעך מיט זייערע אכזריותדיקע מעשׂים; לאָריס-מעליקאָוו אָבער איז געווען אַ פּנים חדשות, און די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט געוואָלט אָ פּ וואַ ר ט ן זײַנע מעשׂים; דערצו האָט זי דעמאָלט געזוכט די סימפּאַטיעס פֿון דער ליבעראַלער געזעלשאַפֿט, און גראָד האָט די געזעלשאַפֿט

---

282 פֿון די אַקטן זעט מען, אַז זײַן פֿאַמיליע-נאָמען איז אייגנטלעך געווען מ אָ ל אָ ד ע צ ק י (מסתּמא לויטן שטעטל מאָלאָדעטשנע, בײַ ווילנע), אָבער אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור ווערט ער גערופֿן מלאָדעצקי, און מיר האַלטן זיך בײַ דעם נאָמען.

283 מלאָדעצקיס אַטענטאַט ווערט אָפֿט דערמאָנט אין דער ליטעראַטור, אָבער קיין גענויע באַשרײַבונג איז ניט פֿאַראַן. וועגן דעם אַטענטאַט גופֿא ווערט דערציילט אין דעם פּאָליציײַשן ווערק Хроника социалистического движения в России в 1878—1887 (איבערז' פֿון פֿראַנצייזיש; מחבר—שעבעקאָ, מאָסקווע 1906), ז' 120—122; אין די אַנדערע אַרטיקלען ווערט דער פֿאַל באַשריבן אין פֿאַרבינדונג מיט לאָריס-מעליקאָווס טעטיקייט און דער עיקר מיט דער השתּדלות פֿונעם באַוווּסטן רוסישן שרײַבער ג אַ ר ש י ן פֿאַר מלאָדעצקין: באַגינען פֿון יענעם טאָג, ווען מ'האָט באַדאַרפֿט אויספֿירן דעם טויטאורטייל איבער מלאָדעצקין, איז גאַרשין געקומען צו לאָריס-מעליקאָוון און געבעטן זיך רחמים פֿאַר אים, מען זאָל אים ניט אויפֿהענגען. לאָריס-מעליקאָוו האָט אים צוגעזאָגט, אָבער אָפּגענאַרט; ער אַליין האָט מיט אַ טאָג פֿריִער געפֿועלט בײַם צאַר, אַז מ'זאָל מלאָדעצקין אין משך פֿון 24 שעה פֿאַרמשפּטן צום טויט און עפֿנטלעך פֿירן צו דער עקזעקוציע (זע „Каторга и Ссылка" נו' 35, ז' 109). די גײַסטיקע קראַנקייט פֿון גאַרשינען האָט זיך נאָך דעם פֿאַל זייער פֿאַרשאַרפֿט; זע: ג. ר ו ס אַ נ אָ ו ו ס ליטעראַרישע זכרונות אין „Былое" 1906, נו' 12; אַרט' פֿון אָ ק ס מ אַ ן אין „Каторга и Ссылка" נו' 15 (1925), ז' 126 א"וו; זע אויך אינעם זש' „Голос Минувшего" (פּעטערבורג) 1917, נו' 7–8, זכרונות פֿון ע נ ג ע ל מ י י ע ר, אַן עדות-ראיה פֿון מלאָדעצקיס עקזעקוציע. לעצטנס איז אין „צוקונפֿט" (1938, נו' 1) אָפּגעדרוקט אַן אַרט' וועגן מלאָדעצקין פֿון פֿרוי ד"ר נ. י אַ פֿ ע.

284 „Литература „Народной Воли" (1905), ז' 894 — 896, פּראָקלאַמאַציע פֿונעם 23סטן פֿעברואַר 1880.

פאַרבונדן געוויסע האָפענונגען מיט לאָריס-מעליקאָוון, וועלכער איז געווען באַשטימט קעגן דעם ווילן פון די עקסטרעמע רעאַקציאָנערן און האָט געלאָזט קלאַנגען וועגן געוויסע פּאָליטישע רעפאָרמעס און פּראָיעקטירט עפּעס אַ במקום קאָנסטיטוציע.[285] די פּאָליטישע קלוגשאַפט האָט דיקטירט דער פּאַרטיי די טאַקטיק פון לאָזן די געזעלשאַפט אויסניכטערן זיך פון די פאַלשע ליבעראַלע האָפענונגען. דער אומפאַראַנטוואָרטלעכער אַקט פון מלאָדעצקין איז דעריבער מסוגל געווען צו ברענגען ניט קיין טובה, נאָר אַ רעה, און דערפאַר איז ער געבליבן הענגען איזאָלירט און ווערט ניט אַרײַנגענומען אינעם העלדישן פאָרמולאַר פון דער פּאַרטיי, הגם מלאָדעצקי האָט אַרויסגעוויזן גרויסן פּערזענלעכן מוט און באַצאָלט פאַר זײַן אַקט מיטן לעבן; ווערא פיגנער שרײַבט וועגן מלאָדעצקין אין אירע זכרונות, אַז „ער איז געשטאָרבן אויפן עשאַפאָט מיטן שמייכל פון אַ העלד“.

ווער איז געווען מלאָדעצקי? אַ זון פון אַ קליינעם קרעמער אין סלוצק, אַ געוועזענער ישיבה-בחור, לויט אייניקע ידיעות באַקאַנט אין דער יוגנט ווי אַן עילוי, אַן אויטאָדידאַקט, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט צושלאָגן צו אַ תכלית, איז דורכגעפאַלן בײַם עקזאַמען אין גימנאַזיע, איז ניט אָנגענומען געוואָרן אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פּעטערבורג, האָט אויך ניט פאַרנומען קיין קענטיקן אָרט אין דער באַוועגונג — און האָט באַשלאָסן צו נעמען נקמה אינעם „שני למלך“. פאַרן מיליטער-געריכט, וואָס האָט אים געמשפּט אויף מאָרגן נאָכן אַטענטאַט, האָט ער דערקלערט, אַז מיט דעם אַטענטאַט האָט ער געוואָלט אויסדריקן אַ פּראָטעסט קעגן דער „העכסטער קאָמיסיע“ און אירע רעפּרעסיעס אויף רעוואָלוציאָנערן. אין דער אמתן אָבער האָבן אים געטריבן צו דעם אַקט דער עיקר מאָטיוון פּסיכאָלאָגיש-פּערזענלעכע: די פאַרביטערונג פאַר די אויסגעשטאַנענע צרות און אפשר נאָך מער — דער ווילן אַרײַנגעשריבן צו ווערן ווי אַ העלד אין דער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע.

פאַר מלאָדעצקיס פּערזענלעכקייט איז אויך געוויס כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז מיט אַ חדשים אַכט פאַרן אַטענטאַט, זײַענדיק אין ווילנע, האָט ער זיך פּלוצים געווענדט צום דאָרטיקן פּראַוואָסלאַוונעם אַרכיבישאָף מיט אַ מעלדונג, אַז ער וויל אַריבערגיין צום קריסטנטום; ער האָט אײַנגעזען, שרײַבט ער, „דעם אמת פון קריסטנטום און די אומגעלומפּערטקייט פון דער ייִדישער תורה און די ייִדישע מלמדים“. זײַן בקשה איז אָנגענומען געוואָרן, און ער האָט זיך דעמאָלט אין ווילנע אָפּגעשמדט.[286] אַרויסגעטראָגן פון

[285] די „העכסטע קאָמיסיע“ איז באַשטימט געוואָרן קעגן די רעאַקציאָנערע הויפישע קרײַזן, וואָס בראַש פון זיי איז געשטאַנען דער יורש-עצר, דער שפּעטערדיקער צאַר אַלעקסאַנדער III. לאָריס-מעליקאָוו האָט פאַרשטאַרקט די רדיפות קעגן די רעוואָלוציאָנערן, אָבער צו דער גלײַכער צײַט האָט ער דורכגעפירט אייניקע קליינע רעפאָרמעס, האָט אָפּגעשוואַכט די צענזור, האָט געפּועלט די דעמיסיע פונעם פאַרהאַסטן בילדונגס-מיניסטער גראַף טאָלסטאָי און אויך פון גענ׳ דרענטעלן, דעם שעף פון דער „3טער אָפּטיילונג“, האָט פאַרלײַכטערט דעם דרוק אויף די זעמסטוועס, אַרום וועלכע ס׳האָבן זיך קאָנצענטרירט די ליבעראַלן, און געגרייט עפּעס פּסעוודאָ-קאָנסטיטוציאָנעלע רעפאָרמעס; דערמיט האָט ער אַרויסגערופן אַ געוויסע אויפלעבונג אין די רייען פון ליבעראַלן; זע אַרט׳ פון ש ט ש ע ג אָ ל ע וו, צו דער געשיכטע פון די קאָנסטיטוציאָנעלע פאַרהאַנדלונגען אין 1879—1881, אין „Былое“ 1906, דעצעמבער; אויך דאָס ציט׳ בוך: די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען אונטער אַלעקסאַנדער II (א. קאָרנילאָוו, רוס׳), ז׳ 188 א״וו. באַלד ווי אַלעקסאַנדער III איז אַרויף אויפן טראָן האָט ער אַראָפּגעזעצט לאָריס-מעליקאָוון, וואָס איז דעמאָלט געווען אינערן-מיניסטער, און אויף זײַן אָרט באַשטימט דעם באַרימטן גראַף איגנאַטיעוו.

[286] אין אַרכיוו פון געוו׳ ווילנער בילדונגס-קוראַטאָר איז פאַראַן אַ געהיימע קאָרעספּאָנדענץ צווישן קוראַטאָר און דעם אינערן-מיניסטעריום, פונעם 24—25סטן פעבר. אַר 1880, וועגן דעם ענין מלאָדעצקי; צו דעם ענין איז צוגעלייגט זײַן לעבנס-באַשרײַבונג, וואָס ער אַליין האָט צוגעשטעלט דער פּראַוואָסלאַווער קאָנסיסטאָריע אין ווילנע, נו׳ 102, 1879 (לויט די נײַ געמאַכטע אויספאָרשונגען פון פ ר ו י ד״ר נ. י אַ פּ ע). בײַם שמד האָט מלאָדעצקי באַקומען דעם טויפנאָמען א י פּ אָ ל י ט (אַנשטאָט מאיר), און אונטער דעם נאָמען פיגורירט ער אין דער ליטעראַטור (מען דאַרף אים ניט צונויפמישן מיט אַן אַנדער רעוואָלוציאָנערן טוער פון די 70ער יאָרן, מ אַ ר ט י ן מלאָדעצקי, וואָס איז ניט געווען קיין ייִד).

דער היים אַ פֿאַרביסענע שׂנאה צו ייִדישקייט, האָט ער אין אַלע זײַנע דורכפֿאַלן באַשולדיקט זײַנע מלמדים און דעם פֿאַנאַטיזם פֿון זײַן פֿאָטער, וועלכער האָט אים ניט געוואָלט לערנען קיין רוסיש.[287] מיר דערקענען דאָ דעם וווּלגאַרן ראַציאָנאַליזם, וואָס האָט געטריבן ניט וויניק ייִדישע אינטעליגענטן אין יענער משׂכּילישער תּקופֿה איבערצורײַסן מיטן ייִדנטום. זײַן פּלוצימדיקער שמד פֿאַרבלײַבט דאָך אַ רעטעניש, ווי עס איז מודה שפּעטער אין זײַן ראַפּאָרט קיין פּעטערבורג דער ווילנער פּאָליצמייסטער.[288] פֿון דעם ראַפּאָרט דערוויסן מיר זיך אַגבֿ וועגן אַן אַנדער פֿאַקט: אַז מלאָדעצקי איז געשטאַנען נאָענט צו דער גרופּע ייִדישע רעוואָלוציאָנערן אין ווילנע אין 1879; דער פּאָליצמײַסטער שרײַבט: „דאָס רובֿ מיטגלידער פֿונעם ווילנער ייִדישן רעוואָלוציאָנערן קרײַזל זײַנען געווען מיט אים באַקאַנט און צוזאַמען פּלעגן זיי שפּאַצירן אויף דער באַן-ליניע". ווי האָט זיך עס געפּאָרט אינעם צעטומלטן מוח רעוואָלוציע, פֿון איין זײַט, און שמד מיט אַן אָנקלאַג אויפֿן ייִדנטום, וואָס האָט אים פֿאַרפֿירט מיט זײַן תּורה, פֿון דער צווייטער—ווייסן מיר ניט, מחמת קיין אמתע ביאָגראַפֿיע פֿון מלאָדעצקין האָבן מיר נאָך ביז איצט ניט.[289] און וואָס האָט געזאָלט פֿילן דער דאָזיקער געוועזענער ישיבֿה-בחור, דער טעראָריסט, בעת אַ מינוט פֿאַר דער תּליה איז פֿאַר אים געשטאַנען דער גלח מיטן צלם, וואָס ער האָט געדאַרפֿט אַ קוש טון, און גערעדט צו אים די לעצטע מוסר-רייד? די באַשרײַבונג פֿון זײַן משפּט און עקזעקוציע, וואָס איז מיט אַלע פּרטים געווען אָפּגעדרוקט אין די רוסישע צײַטונגען אין יענע טעג,[290] געהער אפֿשר צו די דראַמאַטישסטע אין דער געשיכטע פֿון רעוואָלוציאָנערן מאַרטירערטום. ער איז אויפֿגעהאַנגען געוואָרן עפֿנטלעך, אין מיטן העלן טאָג, און אַ נײַגעריקער המון פֿון צענדלינגער טויזנטער מענטשן איז געקומען עס אָנקוקן. מ'האָט אים געבראַכט צו פֿירן איבער דער גאַנצער שטאָט אויפֿן סעמיאָנאָווער פּלאַץ אין פּעטערבורג אויף אַן אָפֿענעם וואָגן, מיטן פּנים צום עולם און מיט אַן אויפֿשריפֿט „פּאָליטישער פֿאַרברעכער". אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז ער איז אַ ייִד—און קיין סגולה צו די אַנטיסעמיטישע געפֿילן פֿונעם מאָנאַרכיסטישן המון איז דאָס כּלל ניט געווען. די רעאַקציאָנערע קרײַזן האָבן אויסגענוצט דעם פֿאַל און אָנגעהויבן אַזאַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, אַז אַפֿילו דער לאָנדאָנער „טײַמס" האָט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו פּראָטעסטירן קעגן דעם, ווי אַזוי דער פֿאַל מלאָדעצקי ווערט אויסגענוצט קעגן די ייִדן אין רוסלאַנד. „דער בלויזער פֿאַקט פֿון מלאָדעצקיס ייִדישן אָפּשטאַם—האָט דער „טײַמס" געשריבן—איז געווען גענוג, אַז אין געוויסע קרײַזן פֿון דער געזעלשאַפֿט און אין אייניקע פּרעסע-אָרגאַנען, באַזונדערס אין יענע, וואָס אַפּעלירן צו די נידעריקערע פֿאָלקשיכטן, זאָל זיך ווידער אויפֿהייבן דער אַלטער רוף צו רודפֿן די ייִדן בכלל... צוהערנדיק זיך צו די זידלערײַען, וואָס טראָגן זיך איצט פֿון דער רוסישער פּרעסע קעגן ייִדן, קען מען דערוואַרטן, אַז ס'וועלן ווידער

---

287 זײַן דערמאָנטע לעבנס-באַשרײַבונג, צוגעשטעלט דער ווילנער פּראַוואָסלאַווער קאָנסיסטאָריע.

288 ראַפּאָרט פֿון ווילנער פּאָליצמײַסטער חלאָסאָווסקי פֿונעם 5 אַפּריל 1880, לעצטנס געוואָרן געפֿונען אין ווילנער פּאָליציי-אַרכיוו פֿון פּרופֿ' ד"ר נ. יאַפּע.

289 ש. ל. ציטראָן האָט אין זײַן סעריע „משומדים" אָפּגעדרוקט אַ לענגערן אַרטיקל וועגן מלאָדעצקין, פֿול מיט פֿאַנטאַסטישע און ניט ריכטיקע ידיעות: ער רופֿט אים טעוועלע, הגם זײַן נאָמען איז מאיר (טובֿיה-מאיר?); ער שרײַבט, אַז ער איז געווען אַ סטודענט פֿון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט און האָט געהערט צו די „גרעסטע סאָציאַליסטישע טוער" און אַז ער האָט זיך געשמדט שוין נאָכן טויטאורטייל, ערבֿ דער תּליה... (זע ז' 212 פֿון 3טן טייל „אַוועק פֿון פֿאָלק"). גראָד זײַן באַהויפּטונג, אַז יהודה ליב גאָרדאָן האָט מקרבֿ געווען מלאָדעצקין אין פּעטערבורג און אויסגעפּועלט פֿאַר אים אַ סובסידיע צו שטודירן, ליגט זיך גרינגלעך אויפֿן שׂכל.

290 באַזונדערס אויספֿירלעך אין דער פּעטערבורגער צײַטונג „Голос" פֿונעם 22סטן (אָדער 23סטן) פֿעברואַר 1880; פֿ"גל ציט' אַרט' פֿון נ. יאַפּע אין „צוקונפֿט" 1938, נר' 1.

אָנקומען בייזע טעג, בעת שׂנאה צו ייִדן ווערט געהאַלטן פֿאַר דערלויבט אויך אין דער פּײַנערער געזעלשאַפֿט.‏[291] אין די דאָזיקע ווערטער פֿון „טײַמס“ איז געלעגן אַ שטיק נבֿיאות — אין אַ יאָר אַרום זײַנען אָנגעקומען אָט די בייזע טעג פֿון פּאָגראָמען און באַגרענעצונגען, צוגעגרייט פֿון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע האָט ברייט אויסגענוצט דעם פֿאַל מלאָדעצקי, ניט געקוקט דערויף וואָס מלאָדעצקי איז געווען אַ געשמדטער און אַן אָפּטריניקער.

גאָר ניט דער ערך אַ גרעסערע רעה ווי מלאָדעצקי האָט פֿאַרשאַפֿט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און אויך דעם נאָמען ייִדישער רעוואָלוציאָנער, אַן אַנדער ייִדישער טעראָריסט — ג ר י ג אָ ר י  ג אָ ל ד ע נ ב ע ר ג. גאָלדענבערג האָט, צום אונטערשייד פֿון מלאָדעצקין, געהערט צו די אַקטיווסטע רעוואָלוציאָנערע טוער אין יענע יאָרן: אין פֿעברואַר 1879 האָט ער דערשאָסן דעם כאַרקאָווער גענ'־גובערנאַטאָר גראַף קראָפּאָטקין, ער האָט זיך באַטייליקט אין דער קליינער גרופּע, וואָס האָט אין אַפּריל דעם יאָר באַשלאָסן סאָלאָוויאָווס אַטענטאַט אויפֿן צאַר; ער איז געווען בײַ דער גרינדונג פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און איז אַרײַן אינעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט“, האָט אַקטיוו געהאָלפֿן בײַ די פּרוּוון פֿון אַטענטאַט אויפֿן צאַר אונטער אַדעס, אַלעקסאַנדראָווסק און מאָסקווע און איז אַרעסטירט געוואָרן האַרבסט 1879 אויף דער יעליסאַוועטגראַדער באַן־סטאַנציע מיט אַנדערהאַלבן פּוד דינאַמיט, וואָס ער האָט געפֿירט קיין מאָסקווע. די גאַנצע צײַט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן בכּיוונדיקער מוטיקער האַלטונג. און אָט דער געניטער רעוואָלוציאָנער איז פּלוצים אין טורמע געוואָרן איינער פֿון די געפֿערלעכסטע בוגדים, וואָס האָט אויסגעדערציילט דער פּאָליצײַ אַלץ וועגן דער פּאַרטיי, וועגן אירע פּלענער און זײַנע נאָענטסטע און באַליבטסטע חבֿרים. אָבער דערבײַ האָט ער זיך אויך ניט געשאַנעוועט. „ניט קיין פּראָוואָקאַטאָר, נאָר אַ בוגד, אָבער אויך עפּעס פֿון אַ באַזונדערן מין“, שרײַבט וועגן אים איינער פֿון זײַנע נײַסטע ביאָגראַפֿן. פֿון זײַנע בני־דור איז גאָלדענבערג געשטעמפּלט געוואָרן ווי אַ געפֿערלעכער בוגד און פֿאָרמעל איז זײַן בגידה באמת די גרעסטע אין דער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע ביז דעגאַיעוון און אַזעוון. אָבער איצט, נאָך דעם ווי עס זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן זײַנע בריוו און דער עיקר זײַן באַרימטער „ווידוי“, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג פֿאַרן טויט,‏[292] קען דער פֿאַל באַהאַנדלט ווערן אַ סך רויִקער און אָביעקטיווער.

אין דעם דאָזיקן זייער לאַנגן און ביז גאָר אינטערעסאַנטן „ווידוי“ פֿון אַ פֿאַריאושטן טעראָריסט עפֿנט זיך פֿאַר אונדז די טראַגעדיע פֿון אַ שוואַכן, היסטערישן און קראַנקן

---

291 דער אַרטיקל פֿון „טײַמס“ („די ייִדן אין רוסלאַנד“) ווערט ציטירט אין דער פּעטערבורגער צײַטונג „גאָלאָס“ פֿונעם 16טן מערץ 1880; דער „גאָלאָס“ טרעט אַלײן אויך אַרויס מיט אַ לאַנגן לײַטאַרטיקל קעגן דעם, ווי מלאָדעצקיס אַטענטאַט ווערט אויסגענוצט פֿאַר אַנטיסעמיטישע צוועקן; דער „גאָלאָס“ איז ניט געווען קיין גרויסער אוהבֿ־ישׂראל, אָבער מסתּמא האָבן די פּעטערבורגער ייִדישע פּני פֿון באַראָן גינצבורגס קרײַז אײַנגעווירקט אויף אים. אַן אָפּשריפֿט פֿון דעם אַרטיקל האָבן מיר באַקומען אַ דאַנק דער פֿרײַנדלעכער פֿאַרמיטלונג פֿון פֿרוי ד״ר נ. יאַפֿע אין ווילנע.

292 דער דאָקומענט איז געפֿונען געוואָרן אין אַרכיוו פֿון געוו׳ „3טער אָפּטײלונג“ (איצט אין „אַרכיוו פֿון רעוואָלוציע“) און איז אָפּגעדרוקט פֿון ר. ק אַ נ ט אָ ר ן אין “Красный Архив„ ב׳ 30 (יאָר 1928), ז׳ 137—174, מיט אַן אויספֿירלעכן אַרײַנפֿיר (ז׳ 117—137). חוץ דעם דאָזיקן „ווידוי“, איז פֿון פֿריִער געווען באַקאַנט די ג בֿ י ת ־ ע ד ו ת פֿון גאָלדענבערגן, וואָס ווערט אין דער רעוו׳ ליטעראַטור ניט אײן מאָל ציטירט: אַזוי צ״ב אין “Былое„ 1903, נו׳ 4, ז׳ 66—75, און אינעם „פּראָטאָקאָל פֿון די 16 טעראָריסטן“, וואָס זײַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן פֿונעם פּעטערבורגער קריגסגעריכט אין אָקטאָבער 1880 (אַרויס 1906, פּעטערבורג, אונטער רעד׳ פֿון וו. בורצעוו); אגבֿ, איז דאָס געווען דער ערשטער פּראָצעס, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אויפֿן סמך פֿון גאָלדענבערגס בגידה. צווישן די פֿאַרמשפּטע זײַנען געווען צוויי ייִדן—זונדעלעוויטש און לײזער צוקערמאַן (קאַטאָרגע; מיט טויטשטראָף זײַנען באַשטראָפֿט געוואָרן נאָר קוויאַטקאָווסקי און פּרעסניאַקאָוו).

געמיט, וואָס איז געבראָכן פֿון די אַרומיקע לײַדן און קעגנזײַטיקער בלוט-פֿאַרגיסונג. „דער יאָמער פֿון מאַמעס און שוועסטער, וואָס דערגייען צו מיר פֿון די קאָרידאָרן, די פּראָצעסן, שפּיאָנען, די טריִומפֿירנדיקע זשאַנדאַרמעריע, די מיליטער-ריכטער... די אַלע אַרעסטן, הויזזוכונגען, פֿאַרשיקונגען, געריכטן, תּליות און קאַטאָרגעס... האָבן מיך מאָראַליש אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך זע באמת קיין אויסוועג ניט".[293] איך האָב געהאַט דאָס אומגליק — שרײַבט ער—געבוירן צו ווערן אין אַ מאָנאַרכיסטיש לאַנד. מיר, די טעראָריסטן, האָבן אויסגעוויילט אַ פֿאַלשן וועג צו פּאָליטישער פֿרײַהייט, עס איז אַ געראַנגל פֿון ניט גלײַכע כּוחות, די רעגירונג וועט זיך ניט אונטערגעבן, די בעסטע יוגנט ווערט פֿאַרטיליקט, די קרבנות זײַנען אומזיסטע, די רוסישע געזעלשאַפֿט איז „אַ סטאַדע שעפּסן". „איך האָב געוואָלט, אַז צו דער הערשאַפֿט פֿון טעראָר זאָל נעמען אַ סוף, מחמת דער טעראָר האָט זײַן ציל ניט דערגרייכט", עס מוז נעמען אַ סוף צום הענגען און שיסן פֿון ביידע זײַטן. און ער באַשליסט אויפֿצודעקן אַלע סודות פֿון דער פּאַרטיי, בכדי אוממעגלעך צו מאַכן דעם ווײַטערדיקן טעראָר, און דערפֿאַר זאָל אויך די רעגירונג אָפּשטעלן אירע בלוטיקע עקזעקוציעס. „איך האָב געוווּסט — שרײַבט ער ווײַטער, — אַז אויפֿדעקן די סודות איז שרעקלעך, אָבער נאָך שרעקלעכער האָט מיר אויסגעוויזן דאָס, וואָס די דאָזיקע סודות עקסיסטירן און ברענגען אַזוי פֿיל אומגליק און פּײַן". ער פֿילט זיך גליקלעך, וואָס ער האָט אויסגעפֿונען אָט דעם „געניאַלן פּלאַן" און ברענגט זיך אַ קרבן „פֿאַר אַ הייליקער זאַך", ער חידושט זיך, וואָס קיינעם איז דער פּלאַן ביז איצט ניט אײַנגעפֿאַלן.[294] „איך האַלט עס פֿאַר אַ גליק און פֿאַר אַ כּבֿוד צו שטאַרבן אויף דער תּליה: זאָל אויך דורך מײַן בלוט פֿאַרזייט ווערן דער סאָציאַליזם, ווי אַמאָל איז דורכן בלוט פֿון די ערשטע קריסטן פֿאַרזייט געוואָרן די קריסטלעכע קירך". דער סאָציאַליזם איז פֿאַר אים אַ מין רעליגיע: „איך פּערזענלעך קוק אויפֿן סאָציאַליזם ווי אויף אַ נײַער תּורה, וואָס וועט מיט דער צײַט פֿאַרנעמען דעם אָרט פֿון רעליגיע, און מיטן נצחון פֿון אָט דער נײַער רעליגיע וועט אויף דער וועלט קומען אַ נײַע תּקופֿה"; „גאָר אין גיכן דאַרף זיך באַווײַזן אַ נײַער קריסטוס, וואָס וועט מיט זײַנע סאָציאַליסטישע, אָבער רעליגיעזע פֿײַערדיקע רייד מיטרײַסן און איבערדערציִען די גאַנצע וועלט".[295]

צי איז גאָלדענבערג געווען אויפֿריכטיק מיט זײַן ווילדן פּלאַן צו ראַטעווען די רעוואָלוציע דורך בגידה? זײַן נײַסטער ביאָגראַף, וואָס האָט פֿאַרעפֿנטלעכט דעם „ווידוי", גלייבט, אַז יאָ. ער אַליין שרײַבט אין אָנהייב פֿונעם „ווידוי": „מעגלעך, אַז אין מײַן האַנדלונג איז דאָ אַ סך פֿאַנטאַזיע, אומפֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און אומטאַקטישקייט, אַ סך נאַרישע און פֿאַלשע טריט, ריזיקע און מוטלאָזיקייט. אָבער קיין נבֿלה, קיין שלעכטע כּוונות און צבֿיעות איז אין זיי ניט פֿאַראַן".[296] און עס מאַכט באמת דעם אײַנדרוק, אַז גאָלדענבערג האָט אויפֿריכטיק געגלייבט, אַז זײַן פּלאַן קען ראַטעווען די רעוואָלוציע און אויסלייזן דאָס לאַנד, און האָט ניט געמערקט, ווי ער איז דערבײַ געוואָרן אַ געצײַג אין די הענט פֿון דער געהיימער פּאָליצײַ. מיר ווייסן איצט, אַז אַרעסטירט אין נאָוועמבער 1879, האָט ער קאַפּיטולירט אין מערץ 1880, דאָס מיינט ערשט אין פֿינף חדשים אַרום, נאָך אַ לאַנגער באַאַרבעטונג אין תּפֿיסה. דער שעף פֿון אַדעסער זשאַנדאַרמעריע שרײַבט אַליין אין זײַן געהיימען ראַפּאָרט צו דער

---

293 דאָרטן („ווידוי"), ז' 161.

294 דאָרטן, ז' 156, 166, 165.

295 דאָרטן, ז' 147, 152, 145.

296 דאָרטן, ז' 138; פּ"גל אויך די מיינונג פֿון וואָל. קאָראָלענקאָ, „История моего современника" ב' 4, ז' 255 (בערלינער אויסגאַבע), וועלכער באַשרײַבט דעם פֿאַל גאָלדענבערג.

„דריטער אָפּטיילונג״, אַז די מעטאָדן, וואָס די זשאַנדאַרמעריע האָט באַנוצט כּדי צו צווינגען אים זיך מודה צו זײַן, „זײַנען ניט געווען אַבסאָלוט מאָראַליש״.[297] אָבער אַנדערש איז ניט מעגלעך געווען אַרויסצוקריגן פֿון אים דעם אמת. אין משך פֿון דער גאַנצער צײַט האָבן איבער אים געאַרבעט מיט זיסע רייד די בעסטע זשאַנדאַרמען פֿון רוסלאַנד. זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז מיטן שרעק פֿון תּליה וועלן זיי אַזאַ מענטשן ניט נעמען, האָבן זיי געשפּילט אויף זײַן לײַכטגלייביקייט, אויף זײַנע געפֿילן פֿון היסטערישער העלדישקייט און האָבן אים געגעבן אַ הייליקן צוזאָג, אַז זײַנע חבֿרים וועט קיין בייז ניט געשען, אַז די רדיפֿות אויף די רעוואָלוציאָנערן וועלן אויפֿהערן און די פּאָליטיק אין לאַנד וועט זיך ענדערן. וואָס פֿאַר אַ פּרײַז האָט גאָלדענבערג געפֿאָדערט פֿאַר זײַן בגידה? פֿון זײַן „ווידוי״ ווייסן מיר דאָס איצט גענוי: חוץ אַמנעסטיע און די אָפּשאַפֿונג פֿון טויטשטראָף, אויך פֿרײַהייט פֿון וואָרט און פֿאַרזאַמלונגען, בטל מאַכן דעם פּאָליצייִשן ווילדווילן, אײַנפֿירן געשוווירענע געריכטן פֿאַר פּאָליטישע פֿאַרברעכנס — „זאָל לעבן די קאָנסטיטוציע!״[298] די גאַנצע טראַגישע שפּיל איז געגאַנגען, לאָזט זיך אויס, פֿאַרן פּרײַז פֿון מעסיקע ליבעראַלע רעפֿאָרמעס, און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז פֿאַר גאָלדענבערגן פּערזענלעך, נאָר פֿאַרן פּאָליטישן מהות פֿון טעראָריזם בכלל. די צוזאָגן, וואָס די זשאַנדאַרמען האָבן אים געגעבן, האָט אים פּערזענלעך באַשטעטיקט פּלעווע, דעמאָלט פּראָקוראָר, וואָס האָט געפֿירט זײַן ענין, און אַפֿילו לאָריס-מעליקאָוו אַליין — ביידע זײַנען זיי געקומען צו אים אין קאָמער אין דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג, וווּהין מ'האָט אים אַריבערגעפֿירט פֿון אָדעס. דער שמועס אויג אויף אויג צווישן דעם היסטערישן און עקזאַלטירטן יונגן ייִדישן טעראָראָריסט און דעם דיקטאַטאָר פֿון רוסלאַנד, וואָס איז געווען באַקאַנט פֿאַר אַ ציניקער און וואָס האָט זיך פֿאַרקליידט פֿאַר אַ שטיקל ליבעראַל, איז געגאַנגען וועגן ליבעראַלע רעפֿאָרמעס אין לאַנד און וועגן שאַנעווען די חבֿרים, וועלכע גאָלדענבערג האָט אין זײַן גבֿית-עדות אָנגערופֿן: אין אַ בריוו צו לאָריס-מעליקאָוון, וואָס איז לעצטנס פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, שרײַבט גאָלדענבערג, אַז עס גייט אים ניט נאָר אינעם לעבן און טויט פֿון זײַנע חבֿרים און אַפֿילו ניט אין דעם, אַז ער קען ווערן זייער מערדער, נײַערט אויך אין דעם „וואָס זאָל ווערן מיטן פֿאָטערלאַנד״ — וועגן דעם פּאָליטישן גורל פֿון לאַנד. ער בעט זיך אין בריוו צו באַטראַכטן אים ווי אַ „קרבן חטאת״, וואָס וועט אויסקויפֿן די זינד, און אויך: „איך בעט צו פֿאַרבײַטן מיר די טויטשטראָף מיט צעשיסונג אַנשטאָט תּליה און אויספֿירן דעם פּסק-דין איבער מיר דעם ערשטן, בכדי איך זאָל ניט זײַן קיין עדות פֿונעם טויט פֿון מײַנע טײַערע חבֿרים״.[299] „די לעצטע צײַט, — שרײַבט ער ווײַטער, — בין איך באַהערשט פֿון געוויסע ספֿקות און שרעק פֿאַרן גורל פֿון די חבֿרים״. אין די דאָזיקע ווערטער האָט שוין קיין פּאָזע ניט געקענט זײַן, ווײַל קיין איין פֿרעמד אויג האָט אינעם בריוו ניט געקענט אַרײַנקוקן, און ער איז טאַקע באַקאַנט געוואָרן כּמעט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער.

אָבער דער דראַמאַטישסטער מאָמענט און אויך דער סוף פֿון דער גאַנצער שפּיל איז געווען, בעת מען האָט, לויט גאָלדענבערגס פֿאָדערונג, אַרײַנגעלאָזט צו אים אין קאָמער — און אפֿשר ניט אָן אַ כּוונה — זונדעלעוויטשן, וועלכער איז גראָד דעמאָלט אויך געזעסן אין דער פּעטראָפּאַוולאָווקע. די באַגעגעניש מיטן מיושבֿדיקן און אײַזנפֿעסטן זונדעלעוויטשן, זײַן אַנטיפּאָד און אַלטן חבֿר, דער לאַנגער שמועס, וואָס זיי האָבן געהאַט אין יענער נאַכט, האָבן געעפֿנט גאָלדענבערגן די אויגן אויף זײַן

297 דאָרטן („ווידוי״), אין דעם אַרײַנפֿיר פֿון ר. קאַנטאָר, ז׳ 132.

298 דאָרטן, ז׳ 147—148.

299 דאָרטן, אין די הערות, ווערט געבראַכט דער פֿולער טעקסט פֿון בריוו, ז׳ 182.

אמתער ראָלע אין דער פּאָליציייִשער שפּיל.[300] משמעות נאָך דעם שמועס האָט ער אַרײַנגעשריבן אין זײַן „ווידוי": „איצט פֿאַרשטיי איך, אַז דאָס איז אַ פֿאַרברעכערישע לײַכטזיניקייט און אַ פֿאַנטאַזיע, די זשאַנדאַרמען האָבן נאָר אויסגענוצט מײַנע צעשרויפּטע נערוון, מיך אָנגעעלעקטריזירט און דערפֿירט מײַן פֿאַנטאַזיע ביז צו האַלוצינאַציע, וואָס עס איז מיט מיר ניט שווער צו מאַכן".[301] צו יענער צײַט געהערן מסתּמא אויך זײַנע פֿאַריאושטע צעטלעך, וואָס ער האָט געפּרוּווט אַריבערשיקן צו די חבֿרים, אין וועלכע ער בעט ניט צו שטעמפּלען אים ווי אַ בוגד, ווײַל ער איז געוואָרן אַ קרבן פֿון פּאָליציייִשן שווינדל.[302] דער רעזולטאַט פֿון זײַן באַגעגעניש מיט זונדעלעוויטשן איז געווען אַ פֿאַטאַלער: דעם 15טן יולי 1880 האָט זיך גאָלדענבערג אויפֿגעהאַנגען אויפֿן האַנטוך אין זײַן קאַמער...

די גײַסטיקע געבראָכנקייט, מיט וועלכער גאָלדענבערג איז אַרויס פֿון טעראָריזם און וואָס האָט אים דערפֿירט צו בגידה און צו זעלבסטמאָרד, נעמט זיך אפֿשר ניט נאָר פֿון זײַנע פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן — פֿון זײַן לײַכטזיניקייט און דער חולשה צו שפּילן אַ ראָלע פֿון אַ העלד, פֿון זײַן היסטערישער נאַטור, וואָס האָט פֿאַרלוירן די גלײַכוואָג, נײַערט אויך דערפֿון, וואָס פֿאַרן ייִדישן רעוואָלוציאָנער איז נאָך געווען צו נײַ די ראָמאַנטיק פֿון פּאָליטישער נקמה דורך מאָרד און אינעווייניק צו פֿרעמד די גאַנצע אַטמאָספֿער פֿון בלוטיקן קאַמף. ירשנען דאָס האָט ער ניט געקענט, נײַערט איבער-נעמען פֿונעם אַרום, איבערנעמען אויפֿריכטיק, אָבער מיט אַ געוויסן ציטער פֿאַר שפּיכת-דמים—ניט מחמת פּחדנות, נאָר מחמת אינעווייניקסטער פֿרעמדקייט און אינסטינקטיוון שרעק. בעת פֿאַר דער ניט-ייִדישער פּסיכאָלאָגיע זײַנען אַזעלכע מעטאָדן כּלל קיין נײַס ניט געווען: אין דער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון רוסישן פֿאָלק זײַנען געווען אי סטענקאַ ראַזין, אי פּוגאַטשאָוו, אי די „האַק" פֿון די פּויערשע בונטן, און אין די העכערע ספֿערן — הויף-איבערקערענישן מיט הריגות. מען דאַרף דאָ געדענקען אַ כאַראַקטעריסטישע דער-שײַנונג, וואָס מ'לאָזט בײַ אונדז אַרויס פֿון זינען: אין משך פֿון סוף די 70ער יאָרן ביזן יאָר 1902, ביז הירש לעקערטס שאָס, קען מען אָנציילן בלויז עטלעכע ייִדן-טעראָריסטן, וואָס האָבן אַליין דירעקט באַגאַנגען אַ טעראָריסטישן אַקט. אייגנטלעך זײַנען דאָס געווען טאַקע נאָר גר. גאָלדענבערג און מלאָדעצקי. אין 1885 האָט ליסיאַנסקי דערשאָסן בײַם ווידערשטאַנד אַ פּאָליציי-באַאַמטן; אין 1883 האָט זיך דער נאַראָדאָוואָלעץ יאַקאָוו בערדיטשעווסקי באַטייליקט אינעם באַוואָפֿנטן אָנפֿאַל אויף אַ פֿור מיט געלטפּאָסט בײַ כאַרקאָוו, וואָס איז ניט געראָטן, און איז דערבײַ אומגעקומען; עטלעכע ייִדן האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די אַטענטאַטן (אָן מאָרד) אויף שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן: געליס אויף גאָשטאָפֿטן (1879) און לעוו דײַטש און ל. מײַדאַנסקי אויף גאָרינאָוויטשן (1876). און דאָס איז אַלץ. ל. דײַטש, וואָס דערמאָנט וועגן דעם לעצטן אַטענטאַט, שרײַבט: „ניט לויט אונדזער נאַטור נאָך און ניט לויט אונדזער דערציִונג זײַנען מיר ניט פֿעיִק געווען צו פֿאַרגיסן מענטשלעך בלוט".[303] בעת דער יאַקוטסקער הריגה, אין 1889, ווען ס'זײַנען געפֿאַלן אויך טאָלדאַטן, האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערן, דאָס רובֿ ייִדן, נאָר פֿאַרטיידיקט. צווישן די אָנטיילנעמער אין די טעראָריסטישע פּראָצעסן פֿון 1880 ביז 1890 האָבן ייִדן געבילדעט איבער 14 פּראָצענט, אָבער צווישן די **דירעקטע** אויספֿירער פֿון די טעראָראַקטן האָבן זיי געגעבן אַ נישטיקן פּראָצענט. מיט יאָרן

---

300 זע די נאָטיץ: „גאָלדענבערג אין דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג", אין „Красный Архив", ב׳ 10 (1925), ז׳ 328 א״וו.

301 זײַן „ווידוי", ז׳ 168.

302 אויף ז׳ 136 פֿון ר. קאַנטאָר׳ס אַרײַנפֿיר צום „ווידוי" ווערט געבראַכט דער טעקסט פֿון 6 אַזעלכע צעטלעך.

303 „צוקונפֿט" 1916, ז׳ 159.

שפּעטער האָבן זיך יִידן מער װינציקער אױסגעגלײַכט, אָבער אין דער תּקופֿה, װאָס מיר באַשרײַבן, איז אַזאַ אַקט פֿאַר אַ יִידן געװען נײַ און פֿרעמד. גאָלדענבערג, װאָס האָט דער ערשטער אַריבערגעטראָטן דעם גרענעץ, שרײַבט פֿאַרביטערט אין זײַן „װידױ“: „װען איר, ערלעכע מענטשן, װאָלט געפֿילט, װי שװער עס איז צו זײַן אַ מערדער!“...[304] אמת, די מאָראַלישע פּראָבלעם פֿון טעראָר האָט ניט װײניק געמאַטערט אױך פֿיל טעראָריסטן ניט־יִידן, באַזונדערס פֿון די ערשטע; װערע זאַסוליטש האָט אױפֿן פּראָצעס געזאָגט: „עס איז שװער אױפֿצוהײבן די האַנט אױף אַ מענטשן“, קראַװטשינסקי האָט נאָכן דערהרגענען מעזענצעװן געשריבן: „טײטן אַ מענטשן איז אַ שרעקלעכע זאַך“. זײ בײדע זײַנען פֿון דעסט װעגן ניט אָרױס געבראָכן פֿון זײערע אַקטן, אָבער שױן דער ערשטער יִידישער טעראָריסט האָט דעם נסיון ניט אױסגעהאַלטן, און גראָד איז ער אױך פּערזענלעך געװען אַ מענטש, װאָס האָט צום װײניקסטן געפּאַסט פֿאַר דער ראָלע פֿון אַ טעראָריסטישן קעמפֿער.

גריגאָרי גאָלדענבערג האָט געשטאַמט פֿון אַ מיטל־בעל־הבתּישער יִידישער משפּחה און האָט זײַנע יוגנטיאָרן פֿאַרבראַכט אין באַרדיטשעװ און שפּעטער אין קיִעװ, װוּהין זײַנע עלטערן זײַנען אַריבערגעפֿאָרן און װוּ זײַן פֿאָטער איז געװען אַנגעשטעלט אין אַ שניטקראָם און שפּעטער אַ בעל־הבית פֿאַר זיך. דאָ רײַסט זיך אַרײַן אין שטוב דער מאָדערנער גײַסט, די יוגנט איז אַסימילירט, ראַדיקאַל און פֿאַרכאַפּט פֿון רעװאָלוציאָנערע אידעען: גר. גאָלדענבערגס פֿיר שװעסטער און זײַן ברודער איסאַק זײַנען סוף די 70ער יאָרן געװען אָדער פֿאַרשיקט, אָדער אונטער אַ פּאָליצײיִשער השגחה.[305] גריגאָרי, דער פֿעִיקסטער און ענערגישסטער צװישן זײ, לערנט אַ פּאָר יאָר אין דער קיִעװער פּראָגימנאַזיע, פֿאַרלאָזט זי, פּרוּװט אָנקומען אין פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, געפֿינט זיך קײן אָרט ניט, ביז ער טרעט אַרײַן אין דער באַװעגונג און װערט אַ פּראָפֿעסיאָנעלער רעװאָלוציאָנער. אין די נײַסטע מאַטעריאַלן װעגן אים געפֿינען מיר אַ גאַנץ אומגעריכטע ידיעה, אַז ער האָט זיך פֿאַרנומען אױך מיט פֿאַרשפּרײטן ליבערמאַנס „האמת“ אין קיִעװ, זשיטאָמיר, באַרדיטשעװ און אַנדערע שטעט;[306] מסתּמא האָט ער דאָס געטאָן לױט דער בקשה פֿון זונדעלעװיטשן אָדער יאָכעלסאָנען, װאָס פֿלעגן טראַנס־פּאָרטירן ליבערמאַנס אױסגאַבעס פֿון אױסלאַנד. װי נאָר אין דער לופֿטן הײבט אָן שמעקן מיט טעראָר, װערט גאָלדענבערג אַן עקזאַלטירטער טעראָריסט.

די שפּעטערדיקע מעמואַריסטן, דאָס רובֿ זײַנע געװעזענע חבֿרים, זײַנען אױך מודה, אַז גאָלדענבערגן קען מען ניט פֿאַרגלײַכן מיט די אַנדערע פּראָװאָקאַטאָרן. „לױט זײַן נאַטור נאָך — שרײַבט אײנער פֿון זײַנע חבֿרים — איז גאָלדענבערג ניט געװען קײן בוגד. ניט קײן גרױסער חכם, אָן פֿעסטע פּרינציפּן, אַ װײניק אַנטװיקלטער, אַן אײַנגעגלײבטער אין זיך, מיט אַ שװאַכקײט צו אַלקאָהאָליזם, איז ער אין תּוך געװען אַן אױפֿריכטיקער און ערלעכער מענטש“; די תּפֿיסה האָט רוּיִנירט זײַן נערװן־סיסטעם און די פּאָליצײַ האָט עס אױסגענוצט. ער האָט אַזױ געגלײבט, אַז ער גײט אױפֿטון אַ גרױסע זאַך, אַז אײן מאָל האָט ער פֿון זײַן קאַמער אױסגעשריען צו אַן אַרעסטירטן, װאָס איז געװען פֿאַרמשפּט אױף קאַטאָרגע: „פֿאַל ניט אַראָפּ בײַ זיך, אין גיכן װעט מען דיך און אַלעמען באַפֿרײַען: איך פֿיר פֿאַרהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג װעגן

---

304 „װידױ“, ז׳ 173 („קראַסני אַרכיװ“, ב׳ 30).

305 זע ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן, ב׳ 2 (70ער יאָרן), העפֿט 1, ז׳ 287. די ביאָגראַפֿיע פֿון גר. גאָלדענבערגן גופֿא זע אינעם לעקסיקאָן, ב׳ 3 (80ער יאָרן), העפֿט 2, ז׳ 860—865, װוּ עס װערט אָנגעגעבן אַן אױספֿירלעכע ביבליאָגראַפֿיע אױף צװײ שפּאַלטן.

306 די דאָזיקע ידיעה ברענגט ר. קאַנטאָר, לױט אַרכיװ־מקורים, אין זײַן צײט׳ אַרײַנפֿיר צו גאָלדענבערגס „װידױ“ אין „קראַסני אַרכיװ“, ב׳ 30, ז׳ 120.

קאָנסטיטוציע״...[307] אָבער קיינער פֿון זײַנע געוועזענע חבֿרים דערקלערט אונדז ניט: ווי געשיקט זיך עס, וואָס אַזאַ מענטש האָט געקענט שפּילן אַ ראָלע און דערגיין צו די סאַמע שפּיצן פֿונעם טעראָריסטישן אַקטיוו, וועלכער האָט געהאַט אויסגעפּרווּוטע ניכטערע קעפּ? עס איז גאָרניט שווער געווען צו דערקענען דעם מהות פֿון דעם טיפּישן היסטערישן בעל-חלומות און טעאַטראַלן העלד, ניט געקוקט אויף זײַן גאַנצן מוט. אין זײַנע לעצטנס פֿאַרעפֿנטלעכטע בריוו אַהיים פֿון דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג שרײַבט ער: „די „בראַסלעטלעך״ [געמיינט — די קייטן] האָט מען שוין פֿון מיר אַראָפּגענומען... אין זיי האָב איך זיך געפֿילט אָנגענעמער, בעסער, מאָראַליש באַפֿרידיקטער... כ׳האָב געוואָלט בעטן, מ׳זאָל זיי ניט אַראָפּנעמען, אָבער איך האָב מורא געהאַט, אַז מ׳וועט מיך דערפֿאַר אָפּשיקן אין משוגעים-הויז״. ער חלומט אָן שפּאַס וועגן אַ דענקמאָל, וועלכן ער וועט זיך און זײַנע חבֿרים שטעלן... „פֿון די אייגענע ביינער״. אין אַ צווייטן בריוו, אויך צו זײַנע עלטערן, נאָך דעם ווי לאָריס-מעליקאָוו האָט אים באַזוכט אין דער פֿעסטונג און פֿאַרזיכערט אין רעפֿאָרמעס פֿון אויבן, חלומט ער וועגן דער גרויסער צוקונפֿט, וואָס דאַרף באַלד קומען און אין וועלכער „איך, אײַער זון, וועל שפּילן ניט קיין קליינע ראָלע״. אָבער גלײַך דערבײַ דערשפּירט ער ווער ער איז אין דער אמתן: „מײַן נערוון-סיסטעם איז איצט אַזוי צעשרויפֿט, אַז איך האָב ממש פֿאַרלאָרן דעם מענטשלעכן פּרצוף; אַ דאַנק דעם האָב איך אָפּגעטאָן אַ סך נאַרישקייטן אויף דער פֿרײַ און דאָס אייגענע אויך איצט, אין תּפֿיסה״; „איך האָב זיך אַליין באַשטראָפֿט דערפֿאַר, וואָס איך בין ניט געווען אויפֿמערקזאַם צום אייגענעם לעבן... זײַט וויסן, טײַערע מאַמע, אַז די נאַטור רעכנט זיך אָפּ אָן רחמנות פֿאַר אַזאַ ביטול צו אירע געזעצן... נערוועזע מענטשן נעמען זיך דאָס רובֿ דאָס לעבן״... ער בעט זיך בײַ דער מוטער, זי זאָל דאָס האָבן אין זינען און היילן זײַן נערוועזן קליינעם ברודער (און אויך די שוועסטער): „זעט, אַז די פֿאַנטאַזיע זאָל זיך בײַ אים ניט פֿונאַנדערשפּילן, אַניט וועט זײַן ווי צו אים און ווי צו די אַנדערע. אָ, מאַמע, ווען איר וואָלט וויסן, וויפֿל צרות עס ברענגט די פֿאַנטאַזיע!״ „איך פֿאַראַכט זיך אַליין״ — פֿאַרענדיקט ער דעם בריוו צו דער מוטער, וואָס איז געשריבן מיט צוויי וואָכן פֿאַר זײַן טראַגישן זעלבסטמאָרד.[308]

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז אין זײַנע גבֿית-עדות פֿאַר דער פּאָליצײַ האָט גאָלדענבערג זיך אַליין אויך ניט געשאָנעוועט און איז אַפֿילו באַשטאַנען דערויף, אַז „אים געהער דער עצם געדאַנק וועגן צאַרנמאָרד״, אַז ער האָט עס אַרײַנגעצויגן זונדעלעוויטשן און א. מיכײַלאָוון און „אומגעריכט געפֿונען בײַ זיי דעם פֿולן הסכם״. צו די באַראַטונגען, וואָס זיי האָבן געהאַט וועגן דעם אין פּעטערבורג (אָנהייב 1879), זײַנען צוגעצויגן געוואָרן אויך סאָלאָוויאָוו און דער פּוילישער רעוואָלוציאָנער לודוויק קאָבילאַנסקי, און גאָלדענבערג איז באַשטאַנען דערויף, אַז אים געהער די בכורה צו באַגיין דעם אַטענטאַט. אָבער די איבעריקע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם און באַשלאָסן, אַז דאָס דאַרף טון ניט קיין ייִד אָדער אַ פּאָליאַק (קאָבילאַנסקי האָט זיך אויך אַרויסגערופֿן), נאָר דער רוס סאָלאָוויאָוו.[309] זונדעלעוויטש האָט אויף זײַן פּראָצעס דערציילט וועגן דעם קלאָרער: „איך בין געווען קעגן דעם, אַז גאָלדענבערג זאָל אויס-פֿירן דעם אַטענטאַט, מחמת איבער דער טענדענץ פֿון דער קריסטלעכער וועלט צוצושרײַבן דעם גאַנצן ייִדישן פֿאָלק די פֿאַרברעכנס, וואָס עס באַגייט עמעצער פֿון ייִדן, וואָלט זיך די באַשולדיקונג לײַכט געקענט אַ קער טון קעגן אַלע ייִדן״.[310] מיכײַלאָוו דערציילט

---

307 זע די זכרונות פֿון א. ב י אַ ל אָ ו ע ס ק י אין „Былое“ 1906, נו׳ 8, ז׳ 204 (אין דער הערה).

308 די בריוו האָט פֿאַרעפֿנטלעכט ר. ק אַ נ ט אָ ר אין „Каторга и Ссылка“, ב׳ 13 (1924), 139 — 147.

309 זע גאָלדענבערגס גבֿית-עדות אין „Былое“ 1903, נו׳ 4, ז׳ 70.

310 זע דצ״ו „פּראָצעס פֿון די 16 טעראָריסטן״ (רוס׳, פּעטערבורג 1906), ז׳ 105.

אויך וועגן דעם באַשלוס פֿון דער באַראַטונג, אַז דעם אַטנטאַט זאָל באַגיין ניט קיין ייִד אָדער פּאָליאַק „אַניט וועט זיך די רעגירונג דערפֿאַר נוקם זײַן אין אַלע ייִדן און פּאָליאַקן", אָבער דערבײַ איז ער מוסיף, אַז ער האָט בכלל ניט געהאַט קיין אמונה „אין דער ערנסטקייט פֿון גאָלדענבערגס מאָטיוון".[311] סאָלאָוויאָוו האָט זיך אַפֿילו אָפּגעזאָגט פֿון גאָלדענבערגס אָנגעבאָטענער הילף בײַם אַטנטאַט.

גאָלדענבערגס בגידה, וואָס האָט אין דער געשיכטע פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", ווי זײַן ביאָגראַף שרײַבט, „געבילדעט ממש אַ גאַנצע תּקופֿה", האָט אויף די רוסישע רעוואָלוציאָנערן געמאַכט אַ מוראדיקן אײַנדרוק, און פּסיכאָלאָגיש איז דאָס געווען צו פֿאַרשטיין: די וויכטיקסטע טעראָריסטן זײַנען אַ דאַנק זײַן אָפֿנהאַרציקן עדות-זאָגן אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון די רייען, אייניקע האָבן באַצאָלט מיטן לעבן, די אַנדערע זײַנען אַוועק אויף קאַטאָרגע: אַ דאַנק אים האָט זיך פֿאַר דער פּאָליצײַ געעפֿנט דער געהיימער מעכאַניזם פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".[312] אָבער אפֿשר נאָך פּײַנלעכער האָבן אָט די בגידה איבערגעלעבט די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן. מיט אַ פּאָר יאָר פֿריִער האָט שוין געטראָפֿן אַזאַ פֿאַל — אמת, ניט דער ערך אַן אומשולדיקערער — מיט אַן אַנדער ייִדישן רעוואָלוציאָנער, דעם פֿריִער דערמאָנטן באַקוניסט מאָיסעי ראַבינאָוויטש: זײַענדיק אַרעסטירט, האָט ער באַשלאָסן אויסצונאַרן די זשאַנדאַרמעריע, האָט זיך אַרויסגעגעבן פֿאַר אַ בעל-תּשובֿה און געמיינט אָפּצוקומען מיט אויסדערציילן פֿון חדר קלייניקייטן, אַבי ווידער צו ווערן פֿרײַ און קענען פֿירן רעוואָלוציאָנערע אַרבעט — און האָט זיך באַלד פֿאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ. ל. דײַטש דערציילט, אַז אַ טייל רוסישע רעוואָלוציאָנערע טוער האָבן נאָך דעם פֿאַל אָנגעהויבן קוקן אַ ביסל קרום אויף זייערע ייִדישע חבֿרים: ייִדן זײַנען ניט מסוגל צו פּיזישע לײַדן אין די טורמעס, זיי ווערן מוטלאָז, קענען אַרויסגעבן. אָבער ראַבינאָוויטש האָט זײַן חטא אויסגעקויפֿט: אויפֿן פּראָצעס (פֿון די 193) האָט ער צוריקגעצויגן אַלץ, וואָס ער האָט דער זשאַנדאַרמעריע דערציילט, האָט זיך געהאַלטן מוטיק און איז פֿאַרשיקט געוואָרן אין ווײַטן סיביר; דאָרטן איז ער אין גיכן אַראָפּ פֿון זינען און געשטאָרבן.[313] דער פֿאַל גאָלדענבערג איז אָבער געווען ניט דער ערך ערנסטער: „ער איז געווען דער ערשטער ייִד, וואָס איז אַזוי צו זאָגן באַרימט געוואָרן דורך זײַן בגידה", שרײַבט ל. דײַטש.[314] עס זײַנען געווען אַ סך מער בוגדים און פּראָוואָקאַטאָרן צווישן ניט-ייִדן, הן פֿריִער, הן שפּעטער,[315] אָבער ניט

---

311 זײַן גבֿית-עדות אויפֿן פּראָצעס פֿון די 20 (פֿעברואַר 1882), זע „Литература Народной Воли“ (1905) ז׳ 581. פּראָלענקאָ, אויך אַן אָנטיילנעמער אין דעם פּראָצעס, האָט שפּעטער באַהויפּט, אַז דעם מאָטיוו האָט אַרויסגערוקט סאָלאָוויאָוו: „איבער דעם נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם פֿון גאָלדענבערגן קען אַ גאַנץ פֿאָלק לײַדן, אויב ער וועט באַגיין דעם אַטנטאַט" („Каторга и Ссылка“ נר׳ 57—58, ז׳ 281.)

312 גאָלדענבערג האָט אויספֿירלעך דערציילט דער פּאָליצײַ וועגן אַלע טעראָריסטישע פּרוּוון פֿון יענע יאָרן: וועגן סאָלאָוויאָווס אַטנטאַט, וועגן ליפּעצקער צוזאַמענפֿאָר ווו ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועגן די ווײַטערדיקע אָרגאַניזירטע אַטנטאַטן אויפֿן צאַר און וועגן דער ראָלע פֿון מיכאַילאָוון, זשעליאַבאָוון, ס. פּעראָווסקי, וו. פֿיגנער, קוויאַטקאָווסקין, קאָלאָטקעוויטשן, קיבאַלטשיטשן, אַראָנטשיקן, זונדעלעוויטשן, שיריאַיעוון, טיכאָמיראָוון, מאָראָזאָוון, פֿראָלענקאָ, האַרטמאַן און די אַנדערע, און אויך וועגן זיך—מיט אײן וואָרט, כּמעט וועגן אַלע אַקטיווע טעראָריסטן. אַ סך פֿון זיי האָט די פּאָליצײַ פֿון פֿריִער אַרומגעזוכט, וועגן אייניקע האָט זי זיך ערשט דורך גאָלדענבערגן דערוווּסט; אַ סך האָבן באַצאָלט מיט קאַטאָרגע און אייניקע מיטן לעבן. זע דעם אויסצוג פֿון אַ געהיימען בוך, וואָס די זשאַנדאַרמעריע האָט אַרויסגעגעבן, אין „Былое“ 1903 (אַרויס אין אויסלאַנד), נר׳ 4, ז׳ 66—75.

313 ל. דײַטש, דצ״וו, ז׳ 122.

314 ל. דײַטשס אַרט׳ וועגן גאָלדענבערגן אין „צוקונפֿט" 1916, נר׳ 1, ז׳ 71.

315 די צאָל פֿון אַזעלכע פּראָוואָקאַטאָרן איז זייער גרויס, מיר וועלן דאָ אָנרופֿן נאָר די וויכטיקסטע: קאָסטאָמאַראָוו (60ער יאָרן), סטעמפּקאָווסקי (אַרויסגעגעבן נעטשאַיעוון אין שווייץ); ניזאָווקין, לאַריאָנאָוו, מערקולאָוו, גאָריאַינאָוו, זשאַרקאָוו, קוריצין, אָקלאַדסקי, ניקאָלאַי גאָשטאָפֿט, אַנדרעי בעלאָמעז, דריגאָ—אין די 70ער און דעגאַיעוו—אין די 80ער יאָרן; אַפֿילו ריסאַקאָוו, וואָס האָט זיך דירעקט באַטייליקט אינעם צאַרן-מאָרד פֿון 1טן מערץ, האָט נאָכן אַרעסט אַלץ אויסגעדערציילט און אַרויסגעגעבן זײַנע חבֿרים.

געקוקט אויף די חבֿרישע געפֿילן אין די רעוואָלוציאָנערע רייען, האָבן די יִדן באַדאַרפֿט זײַן באַזונדערס פֿאָרזיכטיק און ריין. גאָלדענבערגס טראַגישער סוף און די ראָלע פֿון זונדעלעוויטשן אין דעם עפּיזאָד האָבן געוויס אָפּגעשוואַכט דעם פּײַנלעכן אײַנדרוק; גאָבעט, וויטנבערג און די אַנדערע יִדישע רעוואָלוציאָנערן האָבן מיט ריווח אויסגעגלײַכט דעם באַלאַנס. אָבער עפּעס פֿון דער שאַנד איז דאָך פֿאַרבליבן.

## VII

יִדן אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער רעוואָלוציע, אין איר טעכניק און פֿאַרשפּרייטונג. — די ערשטע יִדישע אַרבעטער אין דער באַוועגונג (70ער יאָרן).

מיר האָבן שוין פֿריִער געזען, אַז אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון די 70ער יאָרן האָבן יִדן ניט געגעבן קיין איין טעאָרעטיקער פֿון דער נאַראָדנישער אידעע און כּמעט ווי קיינעם ניט צווישן די רעוואָלוציאָנערע פּובליציסטן און גרויסע פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן אין דאָרף. אויך אין דער טעראָריסטישער באַוועגונג איז די ראָלע פֿון יִדן סוף כּל סוף אַ באַשיידענע: זיי פֿעלן כּמעט צווישן די פֿירער פֿון דער פּאַרטיי און די דירעקטע אויספֿירער פֿון די טעראָראַקטן. דער כּוח פֿונעם יִדישן רעוואָלוציאָנער ליגט גאָר אויף אַן אַנדער שטח: ער גיט פּיאָניערן פֿון אָרגאַניזאַציאָנעלער צענטראַליזאַציע, פֿון פּאַרטיי-אויפֿבוי, גרויסע פּראַקטיקער און טעכניקער פֿון דער רעוואָלוציע; ער גיט אויך פּראָפּאַגאַנדיסטן צווישן שטאָטישע אַרבעטער און אויך מיסיאָנערן פֿון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אידעען אין אַנדערע לענדער און פֿאַרקערט — פּראָפּאַגאַנדיסטן פֿונעם מערבֿ-אייראָפּעיִשן סאָציאַליזם אין רוסלאַנד. אויף די דאָזיקע געביטן זײַנען יִדן נאַטירלעך ניט געווען די איינציקע, אָבער דאָ ווײַזן זיך אַרויס זייערע פֿעיִקייטן און אייגנשאַפֿטן ניט דער ערך פֿולער און נאַטירלעכער; אָרגאַניזאַטאָרישע פֿונקציעס פֿון דעם מין זײַנען מער צוגעפּאַסט פֿאַרן יִדישן כאַראַקטער. די דאָזיקע שטריכן טרעפֿן מיר כּמעט בײַ אַלע אָנגעזעענע יִדן-רעוואָלוציאָנערן, אין דער אָדער יענער פֿאָרם, אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס.

עס איז ניט געווען קיין צופֿאַל, וואָס דער ערשטער **אָרגאַניזאַטאָר** פֿון דער נאַראָדנישער באַוועגונג אין אירע וויכטיקסטע עטאַפּן איז געווען **מאַרק נאַטאַנסאָן**, אַ זון פֿון אַ סווענציאַנער סוחר. נאָך אַ יונגער סטודענט פֿון 20 יאָר שטייט ער בראש פֿון די פּעטערבורגער סטודענטישע אומרוען, אין 1869, און דאָ קומט פֿאָר זײַן באַקאַנטער צוזאַמענשטויס מיט נעטשאַיעוון. נאַטאַנסאָנען איז פֿרעמד דער ווילדער צעשטערונגגײַסט פֿון נעטשאַיעוון, וועלכער האָט געוואָלט אַרײַנקריגן די באַוועגונג אין זײַנע הענט, און ער טרעט אַרויס קעגן אים אַזוי שאַרף, אַז נעטשאַיעוו סטראַשעט צו פֿאַרמסרן נאַטאַנסאָנען פֿאַר דער „דריטער אָפּטיילונג“—און פֿון אים האָט מען דאָס גרײַלעך געקענט דערוואַרטן. חוץ נאַטאַנסאָנען האָבן נעטשאַיעוון דעמאָלט באַקעמפֿט נאָך צוויי יִדישע סטודענטן — לאַזאַר גאָלדענבערג אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט און סאָלאָמאָן טשודנאָווסקי אין דער מעדיציניש-כירורגישער אַקאַדעמיע. נאַטאַנסאָנען געהער עס דער געדאַנק צו שאַפֿן אַ בּאַריער קעגן דער נעטשאַיעווטשינע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן צווישן דער יוגנט, און ער ווערט דער גרינדער פֿונעם באַרימטן קרײַזל „טשאַיקאָווצעס“ אין פּעטערבורג. ווי באַקאַנט, האָט דאָס קרײַזל דורך אַ צופֿאַל באַקומען דעם נאָמען פֿון טשאַיקאָווסקין, וואָס איז געווען נאָר איינער פֿון די מיטגלידער און האָט אין אַ פּאָר יאָר אַרום בכלל פֿאַרלאָזן רוסלאַנד.

נאָך גרעסער איז נאַטאַנסאָנס ראָלע אין דעם וויכטיקסטן עטאַפּ פֿון 1876—1877: אים געהער דער געדאַנק צו פֿאַראייניקן די רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך אין איין באַוועגונג און שאַפֿן אַ צענטראַלע **אָרגאַניזאַציע**; דער דאָזיקער געדאַנק איז אין יענע יאָרן געווען נײַ און פֿונעם ריין אַנאַרכיסטישן שטאַנדפּונקט אַ געוויסע אַפּיקורסות.

נאַטאַנסאָן, וואָס האָט זיך דעמאָלט ערשט אומגעקערט פֿון זײַן ערשטער פֿאַרשיקונג, באַזוכט אַלע רעוואָלוציאָנערע פּונקטן איבער גאַנץ רוסלאַנד, פֿאַראייניקט די קרײַזלעך און שאַפֿט די „צפֿונדיקע רעוואָלוציאָנער-נאַראָדניקעס גרופּע“, וואָס פֿון איר וואַקסט שפּעטער אַרויס, בעת נאַטאַנסאָן זיצט שוין ווידער אַרעסטירט, די פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ“. אים געהער אויך די איניציאַטיוו צו שאַפֿן אַ ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדע-אָרגאַניזאַציע צווישן די שטאָטישע אַרבעטער, די אָ"ג „געזעלשאַפֿט פֿרײַנד“ (אַמאָל גערופֿן: די גרופּע פֿון נאַטאַנסאָן-כאַזאָוו) אין פּעטערבורג. אין אירע זכרונות שרײַבט ווערע פֿיגנער וועגן נאַטאַנסאָנען: „זײַן ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז אומגעהײַער, מחמת ער איז דער גרינדער און אָרגאַניזאַטאָר פֿון צוויי געזעלשאַפֿטן ביז גאָר וויכטיקע אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע... זײַנע פֿאַרדינסטן זײַנען ניט צו פֿאַרגלײַכן מיט קיין אַנדער טוער אין יענער צײַט“.[316] לעוו דײַטש שרײַבט אויך וועגן אים, אַז דאָס האָט ער, נאַטאַנסאָן, געלייגט דעם גרונדשטיין פֿונעם קרײַזל „טשאַיקאָווצעס“, וואָס פֿון זײַנע רייען זײַנען אַרויס דאָס רובֿ באַרימטע רוסישע רעוואָ-לוציאָנערן, און אַז שפּעטער איז „אין משך פֿון עטלעכע יאָר צווישן די רעוואָלוציאָנערן ניט געווען קיין אַנדער טוער, וואָס זאָל האָבן אַזאַ ווירקונג, זײַן אַזוי חשובֿ און שטאַרק ווי „מאַרק“.[317] אין זײַנע הענט האָט דער רײַכער רעוואָלוציאָנער דמיטרי ליזאָגוב איבערגעגעבן זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן (בײַ 200 טויזנט רובל), אויף וועלכן ס'איז אין יענער תּקופֿה אויסגעהאַלטן געוואָרן די רעוואָלוציע. נאַטאַנסאָן איז ניט לאַנג געווען אויף דער פֿרײַ: פֿון 1871 ביז 1890 איז ער אָפּגעווען אין פֿאַרשיקונגען 17 יאָר, תּחילת אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע און 13 יאָר אין סיביר, און אין 1894 ווערט ער ווידער פֿאַרשיקט אויף פֿינף יאָר קיין סיביר. אין 1893—1894 גרינדעט ער אַ נײַע פּאַרטיי „נאַראָדנאָיע פּראַוואָ“ („פֿאָלקסרעכט“), אָבער נאָך זײַן אַרעסט ליקווידירט זי זיך. שפּעטער, פֿון 1905 אָן, איז ער אַן אָנגעזעענער מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן.[318]

אַן אַנדער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער פּיאָניער, וואָס האָט אויך אָנגעהויבן פֿון קאַמף מיט נעטשאַיעוון, איז געווען לאַזאַר גאָלדענבערג.[319] ער האָט געשטאַמט פֿון אַ סוחרישער משפּחה אין פּאָפּלאַווסק, כערסאָנער גובערניע, איז דורכגעגאַנגען דעם חדר, שפּעטער אַריבער אין אַדעסער גימנאַזיע און סוף די 60ער יאָרן איז ער אַ סטודענט פֿון פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט. אין 1868 טרעט ער דאָ אַרײַן אין אַן אומלעגאַלן קרײַזל (אָדער „קאָמונע“), וואָס טראָגט דעם אויסטערלישן נאָמען „די סמאָרגאָנער אַקאַדעמיע“, אין וועלכער ס'באַטייליקן זיך אויך נעטשאַיעוו און טיילוויַיז פּיסאַרעוו.[320] ער שטייט בראש פֿון די אומרוען אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט און דאָ

316 אַרט׳ פֿון ווערע פֿיגנער אין „Каторга и Ссылка“ נו׳ 56 (1929), ז׳ 141 א״וו.

317 ל. דײַטש, דצ״וו, ז׳ 248.

318 וועגן נאַטאַנסאָנען זע אויך די זכרונות פֿון פּ. אַקסעלראָד Пережитое и передуманное (בערלין 1923), ז׳ 153 א״וו, און פֿון אָ. אַפּטעקמאַן Общество „Земля и Воля“ (רעגיסטער). חוץ די אָנגעוויזענע מקורים זע אויך: ביאָ-ביבל׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2 (70ער יאָרן), ז׳ 1002—1006, ווּ ס׳איז אָנגעגעבן די ליטעראַטור וועגן אים און ווּ זײַן ביאָגראַפֿיע ווערט דערפֿירט ביז די לעצטע יאָרן (ער איז געשטאָרבן אין 1919); זײַן ביאָגראַפֿיע אין די לעצטע יאָרן זע בײַ ל. דײַטש, ז׳ 254—277.

319 זײַן אמתער פֿאַמיליע-נאָמען איז געווען: גאָלדענבערג-געטראָיטמאַן. וועגן זײַן קאַמף קעגן נעטשאַיעוון דערציילט ער אַליין אין זײַנע זכרונות, געדר׳ אין „Каторга и Ссылка“ נו׳ 10—13 (1924).

320 „סמאָרגאָנער אַקאַדעמיע“ — אַזוי האָט מען אין דער ערשטער העלפֿט 19טן י״ה אָנגערופֿן דעם וואַלד הינטער סמאָרגאָן, ווּ ציגײַנער האָבן אויסדרעסירט בערן; פֿאַר װאָס האָט זיך דאָס פּעטערבורגער קרײַזל געגעבן אַזאַ נאָמען, איז אומבאַקאַנט. וועגן דעם קרײַזל זע: ב. קאָזמין, „Рев. подполье в эпоху белого террора“ (פֿאַרל׳ „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס“, מאָסקווע 1929).

פֿירט ער דעם אייגענעם קאַמף קעגן נעטשאַיעוון, ווי נאַטאַנסאָן אין מעד׳ אַקאַדעמיע. אָבער גאָלדענבערגס רעוואָלוציאָנערע קאַריערע אין רוסלאַנד האָט זיך באַלד איבערגעריסן: ער ווערט פֿאַרשיקט און אין 1872 אַנטלויפֿט ער קיין אויסלאַנד, ווו ער פֿאַרבלײַבט אויף שטענדיק און מאַכט דאָרט דורך אַ וואַנדערנדיק לעבן שוין ווי אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, ענג פֿאַרבונדן מיט דער באַוועגונג אין רוסלאַנד. גאָלדענבערג איז געווען פֿון די ערשטע יִידישע פּאָליטישע עמיגראַנטן.[321] אין אויסלאַנד איז ער אין משך פֿון יאָרן דער וויכטיקסטער אַרויסגעבער פֿון רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור און אויך דער אינפֿאָרמאַטאָר פֿון דער אויסלענדישער וועלט וועגן דער באַוועגונג אין רוסלאַנד און דער פּאָליטיק פֿון דער רוסישער רעגירונג (זע ווײַטער).

ווען מיר ווענדן זיך צו אַן אַנדער אָנגעזעענעם סאָציאַליסטישן טוער, צו פּ אַ וו ע ל אַ ק ס ע ל ר אָ ד ן, מערקן מיר אויך בײַ אים סימנים, וואָס טיילן אים אויס פֿון זײַנע רוסישע חבֿרים: צו דער נאַראָדנישער אַרבעט אין דאָרף האָט אַקסעלראָד געהאַט נאָר אַ קנאַפּע שײַכות, ער איז דורך און דורך אַ ש ט אָ ט י ש ע ר פּראָפּאַגאַנדיסט און אָרגאַניזאַטאָר, וואָס זוכט פֿון אָנהייב אָן פֿאַרבינדונגען מיט די אַרבעטער, הגם ער געהער צו די באַקוניסטן און נעמט אָן טעאָרעטיש די אידעאָלאָגיע פֿון דאָרפֿישן סאָציאַליזם. אַזוי איז עס געווען, בעת ער איז אין די יאָרן 1873—1874 געשטאַנען בראש פֿון דעם קרײַזל „טשאַיקאָווצעס“ אין קיִעוו, אַזוי איז עס אויך אין 1879, בעת ער קערט זיך אום פֿון אויסלאַנד כּדי אָנצופֿירן דעם „צפֿונדיקן פֿאַרבאַנד פֿון די רוסישע אַרבעטער“ און בעת ער טרעט צו צו שאַפֿן אַן ענלעכן פֿאַרבאַנד אין דרום-רוסלאַנד. מיר מערקן בײַ אים נאָך אַ צווייטן כאַראַקטעריסטישן שטריך: אַקסעלראָד איז דער, וואָס מאָנט כּסדר פֿון די רוסישע סאָציאַליסטישע טוער, אַז זיי זאָלן ניט בלײַבן אָפּגעריסן פֿון דער מערבֿ-אייראָפּעיִשער באַוועגונג. נאָך אין אויסלאַנד, ווי דער רעדאַקטאָר פֿונעם זשענעווער אָרגאַן „אָבשטשינאַ“ אין 1878, גייט ער אָפּ פֿון דער אָרטאָדאָקסאַלער טעאָריע פֿון די נאַראָדניקעס; קומענדיק קיין רוסלאַנד, טענהט ער אײַן מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פֿירער, אַז מ׳טאָר ניט קוקן פֿון אויבן אַראָפּ אויף דער אַרבעטער-באַוועגונג אין מערבֿ-אייראָפּע. אין זײַנע זכרונות שרײַבט ער, אַז להיפּך צו די נאַראָדניקעס, וואָס האָבן געלעבט און געאַרבעט אין רוסלאַנד, האָט ער געהאַלטן, אַז די טעאָריע און פּראַקטיק פֿון מערבֿדיקן סאָציאַליזם טאָרן ניט זײַן פֿרעמד דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; וועגן דעם פֿירט ער אונטערהאַנדלונגען מיט די נאַראָדאָ-וואָלצעס טיכאָמיראָוו, מיכאַילאָוו און זשעליאַבאָוו, און זײַנע אַרגומענטן קלינגען פֿאַר זיי פֿרעמד.[322] הגם אַקסעלראָד שטייט צו צום „טשאָרני פּערעדעל“, זײַנען דאָך זײַנע אַנאַרכיסטישע אידעען שוין דעמאָלט איבערגעמישט מיט עלעמענטן פֿון סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם. מיר וועלן שפּעטער זען, אַז אין אַ סך אַ שאַרפֿערער פֿאָרם מערקן זיך די זעלביקן שטריכן אויך בײַ זונדעלעוויטשן, וואָס האָט גראָד געהערט צום היפּכדיקן לאַגער—צו די נאַראָדאָוואָלצעס.

אָבער די באַזונדערע אייגנשאַפֿטן פֿון יִידן אין דער באַוועגונג דריקן זיך אויס צום בולטסטן אין זייער ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער ט ע כ נ י ק. „טעכניק“ איז דער נערוו פֿון רעוואָלוציע, אויף איר האַלט זיך די גאַנצע באַוועגונג, הגם איר פֿונקציע ווײַזט וויס צו זײַן אַ סך באַשיידענער אין פֿאַרגלײַך מיט די העלדישע אַקטן פֿון טעראָר אָדער אַגיטאַציע אין די מאַסן. שאַפֿן ליטעראַטור, טראַנספּאָרטירן זי געהיים איבער דעם גרענעץ און פֿונאַנדערפֿירן איבער די שטעט, שטעלן געהיימע דרוקערײַען און אַרבעטן

321 דער ערשטער איז געווען, ווי באַקאַנט, ניקאָלאַי אוטין, דער צווייטער איז געווען וולאַדימיר באַקסט (זע קאַפּיטל II); אין 1870 האָט זיך באַקסט אומגעקערט קיין רוסלאַנד און איז באַלד ווידער אַוועקגע-פֿאָרן קיין אויסלאַנד. אין איין צײַט מיט גאָלדענבערגן האָט עמיגרירט אויך הירש סאַפּער (זע ווײַטער).

322 פּ. אַ ק ס ע ל ר אָ ד, דצ״וו, ז׳ 305, 361 און 365, זע אויך ז׳ 205.

אין זיי, אַריבערשוואַרצן איבערן גרענעץ אַהין און צוריק רעוואָלוציאָנערע טוערס — די דאָזיקע פֿונקציעס פֿירן אויס דער עיקר ייִדן. שוין אין 60ער יאָרן האָבן דיגרינדער פֿון דער ערשטער „זעמליאַ אי וואָליאַ" ניט געפֿונען קיין אַנדער מענטשן פֿאַר שיקן קיין לאָנדאָן צו אָרגאַניזירן דעם אומלעגאַלן טראַנספּאָרט, ווי דעם ייִדישן סטודענט וולאַדימיר באַקסט. איינער פֿון די ערשטע, אָנהייב די 70ער יאָרן, וואָס האָט גענומען אָרגאַניזירן די טראַנספּאָרטן מיט דער הילף פֿון ייִדישע קאָנטראַבאַנדיסטן, איז געווען דער סטודענט מאָיסעי ראַבינאָוויטש, אַ געוועזענער תּלמיד פֿון זשיטאָמירער ראַבינער־שול, און אין 1873 איז ער צוליב דעם צוועק געפֿאָרן קיין בערלין.

די גרעסטע ראָלע האָבן בײַם אָרגאַניזירן די טראַנספּאָרטן געשפּילט די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון ווילנע. ליטע איז נאָך פֿון דער צײַט פֿון די פּוילישע אויפֿשטאַנדן געווען אַ וויכטיקער טראַנספּאָרטפּונקט און, פֿון דער צווייטער זײַט, האָבן דאָ געלעבט אַ סך ייִדישע קאָנטראַבאַנדיסטן בײַ דעם מערבֿדיקן גרענעץ. וו. יאָכעלסאָן שרײַבט אין זײַנע זכרונות (זע ווײַטער), אַז ווילנע איז אין די 70ער יאָרן געווען אַ וויכטיקער צענטער פֿון אומלעגאַלער פֿאַרבינדונג צווישן רוסלאַנד און אויסלאַנד. אַ ווילנער איז געווען איינער פֿון די ערשטע רעוואָלוציאָנערן — ס ע מ י אָ ן (ש מ ו א ל) ק ל אַ ט ש ק אָ.[323] אַ יונגער סטודענט, איז ער אין 1871—1872 געווען דער אָנפֿירער פֿונעם מאָסקווער קרײַזל „טשאַיקאָווצעס", פּונקט ווי נאַטאַנסאָן, וואָס האָט אַגבֿ אויך געשטאַמט פֿון ווילנער געגנט, איז געווען דער אָנפֿירער פֿונעם פּעטערבורגער. אַפּטעקמאַן שרײַבט וועגן קלאַטשקאָ, אַז דאָס איז געווען אַ מענטש מיט זייער גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע פֿעיִקייטן, דורך אים זײַנען געגאַנגען די אינעווייניקסטע טראַנספּאָרטן פֿון דעם קרײַזל אין מאָסקווע, וואָס פֿלעגט צעשיקן די ליטעראַטור איבער גאַנץ רוסלאַנד; דאָס מאָסקווער קרײַזל איז אַזוי אַרום געוואָרן „דער צווייטער שטאַב פֿון רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד אין די 70ער יאָרן". די אָנגעזעענע „טשאַיקאָווקע" ל. קאָרנילאָוו שרײַבט וועגן אים: „אין דער יונגער באַוועגונג איז נאַטאַנסאָן געווען דער פֿאַנאַטיקער און דער צווייטער נאָך אים — איז געווען קלאַטשקאָ".[324] פֿון אַן אַנדער מקור איז באַקאַנט, אַז קלאַטשקאָ האָט עס באַזאָרגט ווילנע מיט דער ערשטער אומלעגאַלער ליטעראַטור — דורך אַרקאַדי (שמואל־אבא) פֿ י נ ק ע ל ש ט ײ נ ע ן, וועלכער האָט, ווי באַקאַנט, אין 1871—1872 אָרגאַניזירט צווישן די תּלמידים פֿון ווילנער ראַבינער־שול די ערשטע אומלעגאַלע ביבליאָטעק. פֿינקעלשטיין איז אַליין געוואָרן אַ טעטיקער אָרגאַניזאַטאָר פֿון טראַנספּאָרטן. אין 1872 אַנטלויפֿט ער קיין אויסלאַנד, טרעט אַרײַן אין קיניגסבערגער אוניווערסיטעט, און אַ דאַנק אים ווערט קיניגסבערג אין משך פֿון עטלעכע יאָר אַ צענטער פֿאַר אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס גייט קיין רוסלאַנד, ביזן יאָר 1875, ווען נאָך אַ דורכפֿאַל אַנטלויפֿט ער פֿון קיניגסבערג און עס פֿאַרבײַט אים דאָ זונדעלעוויטש.[325] אַ ווילנערקע איז אויך געווען אַ נ נ אַ ע פּ ש ט ײ ן, וואָס קען גערעכנט ווערן פֿאַר דער ערשטער ייִדישער פֿרוי אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פֿאַר דער ערשטער

---

323 אויספֿירלעכער די ביאָגראַפֿיע פֿון קלאַטשקאָ גיבן מיר אין אונדזערע באַמערקונגען און דערקלערונגען צו די זכרונות פֿון ג ר י ג אָ ר י ג ו ר ע וו י ט ש; דאָרט איז אויך אָנגעגעבן די ליטעראַטור.

324 אַפּטעקמאַנס זכרונות אין „Русское Прошлое" ב׳ 2 (1923), ז׳ 89 א״וו; די זכרונות פֿון פֿרוי קאָרנילאָוו אינעם זעלביקן זשורנאַל, ז׳ 32 א״וו.

325 פֿינקעלשטיינס ביאָגראַפֿיע איז ווייניק אויסגעפֿאָרשט; זע אונדזער אַרט׳ אין „היסטאָרישע שריפֿטן" ב׳ 1, ז׳ 529 (אָנגעגעבן די ליטעראַטור און ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן אים); צווישן די מאַטעריאַלן פֿון גריגאָרי גורעוויטשעס אַרכיוו האָבן מיר געפֿונען אַ ביאָגראַפֿיע פֿון פֿינקעלשטיינען, לײַדער ניט קיין פֿאַרענדיקטע. ווי באַקאַנט, איז פֿינקעלשטיין אין די 80ער יאָרן אַוועק פֿון דער באַוועגונג.

אין אַ רוסישער הויכשול.[326] זי באַטייליקט זיך אינעם פּעטערבורגער קרײַזל „טשאַיקאָווצעס“ און איר געהער די איניציאַטיוו, זײַענדיק אין ווילנע, צו באַנײַען די אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן דורך דעם צפֿון־מערבֿדיקן גרענעץ, דורך ווילנע און קאָוונע; זי פֿאַרבינדט זיך צוליב דעם צוועק מיט די ייִדישע קאָנטראַבאַנדיסטן, און ניט אומזיסט האָט מען זי געהאַלטן פֿאַר דער „הויפּט־קאָנטראַבאַנדיסטקע“ פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע; אין דעם פּרט איז זונדעלעוויטש געווען איר תּלמיד. דורך די קאָנטראַבאַנדיסטן פֿלעגט זי אויך העלפֿן רעוואָלוציאָנערן צו שוואַרצן דעם גרענעץ; אַזוי האָט זי אין איינעם מיט זונדעלעוויטשן געהאָלפֿן טשאַיקאָווסקין אַנטלויפֿן קיין אויסלאַנד. שפּעטער, בעת זי האָט אין 1878 אַליין עמיגרירט אין דער שווייץ, האָט זי פֿון דאָרטן געהאָלפֿן טראַנספּאָרטירן ליטעראַטור און אַריבערשיקן רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אויף אומלעגאַלער אַרבעט קיין רוסלאַנד. זײַענדיק די פּרוי פֿונעם באַקאַנטן רוסישן נאַראָדניק קלעמענץ, איז זי געשטאַנען אין צענטער פֿון דער פּאָליטישער עמיגראַציע, איז געווען באַפֿרײַנדט מיט ווערא זאַסוליטש און האָט קאָרעספּאָנדירט מיט לאַווראָוון. אַננאַ עפּשטיין האָט, ווי באַקאַנט, די ערשטע געבראַכט פֿון פּעטערבורג קיין ווילנע, אין דעם תּחום פֿון ליטע, די רעוואָלוציאָנערע אידעען און דערמיט געהאָלפֿן דער גרינדונג פֿון ערשטן ווילנער סאָציאַליסטישן קרײַזל.[327]

צו דער זעלביקער גרופּע ווילנער געהער אויך וו ל אַ ד י מ י ר (ב נ י מ י ן) י אָ כ ע ל ס אָ ן. יאָכעלסאָן האָט געשטאַמט פֿון אַ פֿרומער פֿאַרמעגלעכער ווילנער משפּחה, איז דורכגעגאַנגען דעם חדר און צו צוועלף יאָר געווען קלאָר אין פֿיר מסכתות, דערנאָך איז ער אַרײַן אין ראַבינער־שול, האָט זיך באַטייליקט אינעם ערשטן ייִדישן קרײַזל פֿאַר זעלבסטבילדונג, וואָס פֿינקעלשטיין האָט געגרינדעט. שפּעטער באַטייליקט ער זיך אין זונדעלעוויטש־ליבערמאַנס קרײַזל פֿון 1875 און נאָכן דורכפֿאַל אַנטלויפֿט ער, פּונקט ווי זונדעלעוויטש, ליבערמאַן און ווײַנער, קיין אויסלאַנד און באַזעצט זיך אין בערלין. אין 1876 קערט ער זיך אום צוריק אומלעגאַל קיין רוסלאַנד און פֿון דעמאָלט אָן ביז זײַן אַרעסט, אין 1885, איז ער איינער פֿון די אַקטיווסטע טעכניקער: פֿאָרט אַרום אומלעגאַל אַהין און צוריק פֿון רוסלאַנד קיין אויסלאַנד, פֿירט אַריבער טראַנספּאָרטן, רעוואָלוציאָנערע טוערס, באַדינט געהיימע דרוקערײַען. אָנגעהויבן האָט ער די אַרבעט נאָך זײַענדיק אין ווילנע, אין איינעם מיט זונדעלעוויטשן, און אין זײַנע זכרונות שרײַבט ער וועגן אים ווי וועגן זײַן „חבֿר און פֿרײַנד“. שפּעטער איז ער געווען זונדעלעוויטשעס הויפּט־געהילף בײַם באַפֿרײַען פֿון תּפֿיסה קראָפּאָטקינען, בײַ קראַווטשינסקיס אַטענטאַט אויף מעזענצעוון און דער עיקר בײַם איבערשוואַרצן די גרענעץ, טראַנספּאָרטירן ליטעראַטור און ברענגען פֿון אויסלאַנד געהיימע דרוקערײַען פֿאַר דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. ער איז אויך געווען דער, וואָס האָט געהאָלפֿן אהרן ליבערמאַנען צו פֿאַרשפּרייטן אין רוסלאַנד זײַן אויפֿרוף און דעם „האמת“ און פֿאַרבונדן אים מיט די איבערגעבליבענע ווילנער און מיט די העברעיִשע סאָציאַליסטישע שרײַבער, צווישן וועלכע ער איז געווען באַקאַנט מיט זײַנע צונעמענישן „למנצח“, „מזמור“ אָדער „למנגינות“. נאָך זונדעלעוויטשעס אַרעסט נעמט ער איבער זײַנע פֿונקציעס. נאָך פֿריִער, זײַענדיק אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“, פֿירט ער אָן די „הימלשע קאַנצעלאַריע“, ווי מ'האָט אין דער

326 צווישן די ייִדישע שטודירנדיקע פֿרויען אין א ו י ס ל אַ נ ד זײַנען די ערשטע אַרײַן אין דער רעוו׳ באַוועגונג בעטי קאַמינסקי, ר. יאַקערשבערג־אידעלסאָן און אַננאַ ראָזענשטיין; אין ר ו ס ל אַ נ ד איז אַננאַ עפּשטיין משמעות געווען די ערשטע: אין 1872 טרעט זי אַרײַן אויף די פֿרויען־קורסן בײַ דער פּעטערבורגער מעדיציניש־כירורגישער אַקאַדעמיע און שטייט באַלד צו צו די „טשאַיקאָווצעס“.

327 די ליטעראַטור וועגן אַננאַ עפּשטיין זע אין אונדזערע באַמערקונגען צו גר. גורעוויטשעס זכרונות הערה 44. אין "Каторга и Ссылка„ נר׳ 39 און 48 (1928) זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע בריוו פֿון לאַווראָוון און קראַווטשינסקין צו אַ. עפּשטיין.

פּאַרטיי גערופֿן די פֿאַבריקאַציע פֿון אומלעגאַלע פּעסער. נאָך דער שפּאַלטונג גייט ער אַריבער צו דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און ווערט איינער פֿון אירע פּאַראַנטוואָרטלעכסטע „אַגענטן“: ער איז דער בעל־הבית פֿון דער באַרימטער קאָנספּיראַטיווער פּאַרטיי־קוואַרטיר (אויף גאָראָכאָווער גאַס), וווּ ס׳געפֿינען זיך די „דינאַמיטן־פֿאַבריק“ און ביוראָ פֿאַר פּעסער און וווּ עס ווערן אָפּגעהאַלטן די געהיימע באַראַטונגען פֿון דעם „איספּאָלני־טעלני קאָמיטעט“ וועגן די פּראָיעקטירטע אַטענטאַטן אויפֿן צאַר. אין 1879 פֿאַרשפּרייט יאָכעלסאָן אין אויסלאַנד דעם אויפֿרוף פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ צום פֿראַנצייזישן פֿאָלק; אין 1880 פֿירט ער אַריבער דעם אַנטלאָפֿענעם לעוו האַרטמאַן איבער דעם גרענעץ און פֿאַרבלײַבט אַליין אויך אין אויסלאַנד. אין 1883—1885 איז ער איינער פֿון די אַרויסגעבער פֿונעם „קאַלענדאַר נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און פֿאַרוואַלטער פֿונעם „וועסטניק נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ אין זשענעווע. אין 1885 ווערט ער געשיקט אומלעגאַל קיין רוסלאַנד צו מאַכן אַ פּרוּוו צוריק אויפֿצושטעלן די אַלטע פּאַרטיי, וואָס איז חרובֿ געוואָרן נאָך די גרויסע דורכפֿאַלן, אָבער ווערט אויפֿן גרענעץ אַרעסטירט און נאָך צוויי יאָר תּפֿיסה ווערט ער סוף 1887 פֿאַרשיקט אויף 10 יאָר אין ווײַטן סיביר. שפּעטער ווערט ער אַ באַוווּסטער עטנאָגראַף און עטנאָלאָג, באַרימט אין דער ווויסנשאַפֿטלעכער וועלט מיט זײַנע אויספֿאָרשונגען וועגן די ווייניק באַקאַנטע פֿעלקער אין ווײַטן צפֿון (יאָכעלסאָן איז געשטאָרבן דעם 1טן נאָוועמבער 1937, אין ניו־יאָרק, אין עלטער פֿון 82 יאָר).[328]

בײַ די טראַנספּאָרטן, וואָס זונדעלעוויטש און יאָכעלסאָן פֿלעגן אַריבערשיקן קיין רוסלאַנד דורך בערלין, האָבן זיי אַ סך געהאָלפֿן די מיטגלידער פֿונעם בערלינער ייִדישן סטודענטישן קרײַזל, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט אַהרן ליבערמאַנען און זײַנע פּלענער וועגן ייִדישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט (די באַקאַנטע גרופּע אַ״ג „בערלינער רוסישע ניהיליסטן“). באַזאָרגט דאָ די טראַנספּאָרטן האָבן גריגאָרי גורעוויטש פֿון מאָהילעוו, די ברידער ראָם פֿון ווילנע און באַזונדערס יואל עפֿראָן, אויך אַ ווילנער, וועלכער האָט געלעבט אין בערלין ווי אַ פּראָפֿעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער, אונטערן נאָמען אַרטעמיעוו, און איז בײַם דורכפֿאַל פֿון דער גרופּע (אין 1878) אַנטלאָפֿן.

די סימנים, וואָס כאַראַקטעריזירן די אייגנאַרטן פֿונעם ייִדישן רעוואָלוציאָנער, זײַנען בײַ קיינעם ניט אַרויסגעטראָטן אַזוי בולט ווי בײַ אַהרן זונדעלעוויטש, וואָס האָט אַגבֿ אויך געשטאַמט פֿון ווילנע. זונדעלעוויטשעס ביאָגראַפֿיע איז אין אַלגעמיין גוט באַקאַנט, און מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף די טיפּיש אייגנאַרטיקע שטריכן פֿון זײַן רעוואָלוציאָנערער פּערזענלעכקייט. זונדעלעוויטשעס כּוח איז באַשטאַנען ניט אין טעאָריעס און פּראָגראַמען, אין פֿירן ברייטע פּראָפּאַגאַנדע אָדער פֿאָרמולירן נײַע לאָזונגען, אָבער אין דער גאַנצער באַוועגונג פֿון יענע יאָרן איז ניט געווען קיין צווייטער, וואָס זאָל זיך קענען מיט אים פֿאַרגלײַכן אין רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק. אַפּטעקמאַן שרײַבט וועגן אים ווי וועגן דעם „מיניסטער פֿאַר אויסלענדישע ענינים“ פֿון דער רעוואָלוציע: אין זײַנע הענט זײַנען געלעגן די פֿאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד, מיט דער פּאָליטישער עמיגראַציע; ער זאָרגט אויך וועגן אַרויסבאַקומען ליזאָגובס ירושה, וואָס דאַרף פֿינאַנסירן די באַוועגונג; ער אָרגאַניזירט דער ערשטער

328 די ליטעראַטור וועגן יאָכעלסאָנען זע: זײַנע זכרונות, לײדער ניט פֿאַרענדיקטע, אין „Былое“ (פּעטערבורג), נו׳ 13 (1918); וועגן זײַן ווילנער תּקופֿה און די פֿאַרבינדונגען מיט ליבערמאַנען זע אונדזער אַרט׳ וועגן דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די „היסטאָרישע שריפֿטן“, ב׳ I (אויסצובעסערן אויף ז׳ 521, הערה 1, אַ טעות בײַ דער ביבליאָגראַפֿישער אָנווײַזונג: „גילאָיע“ נו׳ 13 און ניט 18). מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט יאָכעלסאָן געדרוקט אַ רײ אויטאָביאָגראַפֿישע אַרטיקלען אין ניו־יאָרקער „פֿאָרווערטס“; זײ זײַנען שפּעטער רעפֿערירט געוואָרן אין אַן אַרטיקל וועגן אים פֿון ד. שוב, אין „פֿאָרווערטס“ פֿון 14טן נאָוועמבער 1937.

אין אַ ברייטן מאַסשטאַב און אויף אַ סיסטעמאַטישן אופֿן די אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן פֿון ליטעראַטור, פֿון געהיימע דרוקערײַען און ברענגט מוסטערן פֿון דינאַמיט, וואָס די רוסישע רעוואָלוציאָנערן הייבן אָן צום ערשטן מאָל באַנוצן פֿאַר טעראָר-צוועקן.[329] ער פֿירט אַריבער איבער דעם גרענעץ אַזעלכע וויכטיקע טוער, ווי טשאַיקאָווסקי (נאָך אין 1874, אין איינעם מיט אננאַ עפּשטיין, דורך ווילנע), וועראַ זאַסוליטש, סטעפּאַנאָוויטש, ל. דײַטש (1878); ער העלפֿט קראַפּאָטקינען בײַם אַנטלויפֿן פֿון טורמע (1876). ער איז דער וויכטיקסטער „טעכניקער" פֿון דער באַוועגונג. בײַ די אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן אַרבעט ער מיט די ייִדישע קאָנטראַבאַנדיסטן בײַ שירווינט. די קאָנטראַבאַנדיסטן באַציִען זיך מיט גרויס יראת-הכבֿוד צו אָט דעם נײַעם טיפּ ייִדישן שמוכלער, וועמענס נאָמען זיי וויסן אַפֿילו ניט; זיי זײַנען זיך משער, אַז ער טוט עס צוליב געשעפֿט און „מוז דערבײַ גוט פֿאַרדינען", אָבער זיי שטויסן זיך זיכער אָן, אַז עפּעס איז דאָס אַן אַנדער מין קאָנטראַבאַנדע ווי די געוויינטלעכע און דער מין מענטש איז אַן אַנדערער — האָט דאָך דער קאָנטראַבאַנדיסט זלמן אַליין צוגעשטעלט טיילן פֿון אַ דרוקערײַ קיין פּעטערבורג און געוויס דערשמעקט וואָס פֿאַר אַ „סחורה" דאָס איז...

זונדעלעוויטש איז דער געבוירענער אָרגאַניזאַטאָר. אים פֿעלט די פֿעיִקייט צו ווערן אַ פּאָליטישע פֿיגור אין דער באַוועגונג, אָבער ווי אַ פּראַקטיקער פֿילט ער, פּונקט ווי נאַטאַנסאָן, ווי נייטיק עס איז צו פֿאַראייניקן אַלע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין איין פּאַרטיי און צו צענטראַליזירן די אַרבעט, און ער ווערט איינער פֿון די גרינדער פֿון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ". אָבער די דאָקטרינערישקייט פֿון די „דערצוווענשטשיקעס" באַפֿרידיקט אים ניט און ער שטייט צו פֿון די ערשטע צום טעראָר, גלייבנדיק, אַז דורך דעם קען מען מיט גוואַלד אַראָפּברענגען פּאָליטישע פֿרײַהייט אין רוסלאַנד. נאָך אין דער פֿאַר-נאַראָדאָוואָלישער צײַט העלפֿט ער קראַוטשינסקין בײַם אַטענטאַט אויף מעזענצעוון (אויגוסט 1878) און סאָלאָוויאָוון בײַם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II (אַפּריל 1879). בײַ דער גרינדונג פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" ווערט ער אויסגעקליבן אינעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". אויך דאָ ליגט אויף אים די שווערע זאָרג פֿאַר דער טעכניק, און זײַן אַרעסט (אָקטאָבער 1879) איז געווען ניט קיין קליינער קלאַפּ פֿאַר דער ערשט געגרינדעטער פּאַרטיי.

פֿאָרמעל געהער זונדעלעוויטש צו די נאַראָדניקעס, אָבער ער טיילט זיך אויס פֿון זײַנע רוסישע חבֿרים: אים איז פֿרעמד די אידעאַליזאַציע פֿונעם רוסישן פּויער און די בלינדע אמונה אינעם פּויערשן סאָציאַליזם און אין רוסלאַנדס „אייגענעם דרך". זײַן חבֿר לעוו דײַטש שרײַבט וועגן אים: „זײַענדיק אַ נאַראָדניק, פֿלעגט זיך זונדעלעוויטש קאַטעגאָריש אַרויסזאָגן קעגן יעטווידער אַרבעט צווישן די פּויערים; ער האָט דאָס געהאַלטן פֿאַר אַן אַרויסגעוואָרפֿענער טירחה"; „צו די רוסישע פּויערים האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן ניט נאָר אָן שום באַגײַסטערונג, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ נאַראָדניק, נײַערט ער האָט געהאַלטן, אַז זיי זײַנען פֿאַרגרעבט און אומוויסנדיק און האָבן ניט די מינדסטע נטיה צו סאָציאַליזם און רעוואָלוציע".[330] חוץ דער דאָזיקער אַפּיקורסות האָט ער

329 אַ לאַנגע צײַט האָט געהערשט די מיינונג (פֿ״גל ל. דײַטש ס אַרט׳ אין „צוקונפֿט" 1914, ז׳ 831 א״ו, אויך זײַן אַרט׳ אין „Каторга и Ссылка" נר׳ 8, ז׳ 213 א״ו), אַז זונדעלעוויטש האָט דער ערשטער אַראָפּגעבראַכט דינאַמיט קײַן רוסלאַנד פֿאַר טעראָר-צוועקן; ר. קאַנטאָר האָט אין „Каторга и Ссылка" נר׳ 57—58 קלאָר באַוויזן, אַז דינאַמיט האָט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אויסגעפֿאַרטיקט אין רוסלאַנד גופֿא, אין איר „דינאַמיט-פֿאַבריק", וווּ ס׳האָט געאַרבעט שיריאַיעוו (אַגבֿ, מיט דער באַטייליקונג פֿון יאָכעלסאָנען). זונדעלעוויטש האָט אַ פּנים געבראַכט פֿון אויסלאַנד מוסטערן פֿון דינאַמיט, וואָס איז דעמאָלט ערשט אַנטדעקט געוואָרן, אָבער אַריבערברענגען מער דינאַמיט איבער דעם גרענעץ איז אים קאָנטיק ניט געראָטן.

330 לעוו דײַטשס אַרט׳ „ווי מען דאַרף ניט שטודירן געשיכטע" אין „Каторга и Ссылка" נר׳ 24 (1926), ז׳ 255; פֿ״גל אויך די ציט׳ אַרטיקלען אין נר׳ 8 פֿון דעם זשורנאַל און אין „צוקונפֿט" 1914.

געפּרעדיקט אַ צווייטע: אַז רוסלאַנד נייטיקט זיך אין אַ פֿרײַען פּאָליטישן רעזשים, אין „בורזשואַזע קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכה-אָרגאַנען", אין אַ... פּאַרלאַמענט, און אַז די רעוואָלוציאָנערן מוזן אַריבערגיין צו פּאָליטישן קאַמף — דורך טעראָר, אויב אַנדערש איז ניט מעגלעך; דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט ער פֿאַרטיידיקט, נאָך איידער די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט זיך געגרינדעט. און נאָך אַ דריטע אַפּיקורסות ווערט בײַ אים פֿאַרצייכנט: ער איז געווען אַן אָנהענגער פֿון יענער דײַטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס איז געווען אַזוי פֿאַרהאַסט בײַ די רוסישע נאַראָדניקעס—אַנאַרכיסטן; ל. דײַטש רופֿט אים אַפֿילו אָן: „איינער פֿון די ערשטע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד". זונדעלעוויטש האָט, ווי באַקאַנט, אויך געהאַט אַ שײַכות צו די ערשטע טריט פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און צו ליבערמאַנס פּרוּוון, הגם ער האָט טעאָרעטיש ניט געטיילט זײַן אידעאָלאָגיע. ער איז געווען דער סאַמע ייִדישסטער צווישן די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג און האָט זיך, זיכער מיט אַ כּיוון, אויסגעקליבן דעם פּאַרטיי-נאָמען: „משה". אָבער בעת מען האָט אים געפּרעגט אויפֿן פּראָצעס וועגן זײַן רעליגיע, האָט ער געענטפֿערט: „קיין שום רעליגיע". לייזער צוקערמאַן האָט אויפֿן זעלביקן פּראָצעס אויף דער פֿראַגע געענטפֿערט: „פֿונעם ייִדישן גלויבן"; אַנדערש האָט אויף דער פֿראַגע געענטפֿערט אַהרן ליבערמאַן בעת זײַנע פּראָצעסן אין ווין און בערלין: „לויט דער רעליגיע בין איך אַ סאָציאַליסט, לויט נאַציאָנאַליטעט בין איך אַ ייִד אָן אַ קאָנפֿעסיע" (ווינער פּראָצעס), „איך בין אַ ייִד, אָבער צו רעליגיע האָט איך קיין מאָל קיין שײַכות ניט געהאַט" (בערלינער פּראָצעס). און שוין גאָר אַנדערש האָט געענטפֿערט דער ניט-ייִד זשעליאַבאָוו: „בין געטויפֿט אין פּראַוואָסלאַוויע, אָבער אין פּראַוואָסלאַוויע גלייב איך ניט, הגם איך אָנערקען דעם מהות פֿון קריסטוסעס רעליגיע".

מיר האָבן פֿאַר זיך אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע כאַראַקטעריסטיק פֿון זונדעלעוויטשן, געגעבן פֿון אַזאַ אָנגעזעענעם רעוואָלוציאָנערן טוער, ווי אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, דעם פֿירער פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אין דעם בריוו צו די חבֿרים אויף מאָרגן נאָך זײַן פּראָצעס, דעם 16טן פֿעברואַר 1882, שרײַבט מיכאַילאָוו: „עס איז נייטיק אַ ביאָגראַפֿיע פֿון זונדעלעוויטשן. שוין אָפּגערעדט דערפֿון, וואָס זונדעלעוויטש איז געווען זייער אַן אָנגעזעענער טוער, אָבער ער האָט דעם רוסישן פֿרײַען וואָרט, דער צירקולאַציע פֿון אויסלענדישע אויסגאַבעס אין רוסלאַנד און די רעגולערע פֿרײַע פֿאַרבינדונגען מיט מערבֿ-אייראָפּע געבראַכט אומגעהײַערן נוצן. פֿון יאָר 1875 און ביזן סוף פֿון זײַן טעטיקייט, אין משך פֿון כּמעט פֿינף יאָר, האָט ער געהאַלטן אין זײַנע הענט דעם בעסטן וועג פֿון קאָנטראַבאַנדע. ער האָט אַריבערגעפֿירט הונדערטער פּוד ליטעראַטור... האָט אַריבערגעפֿירט לײַכט איבער דעם גרענעץ צענדליגער מענטשן — און קיין איין מפּלה, קיין איין אומגליקלעכער פֿאַל. די ייִדישע קאָנטראַבאַנדיסטן האָבן זיך צו אים פֿאַרהאַלטן מיטן גרעסטן דרך-ארץ און מיט דער גרעסטער אמונה; זיי, וואָס ריזיקירן נאָר פֿאַר געלט, פֿלעגן אַריבערפֿירן אומזיסט, אויב מ'האָט זיך אַפֿילו נאָר פֿאַררופֿן אויף זונדעלעוויטשן. אַזאַ ענערגיע, געשיקטקייט און באַוועגלעכקייט פֿון אַ מענטשן פֿון דער ייִדישער סבֿיבֿה רופֿן אַרויס ממש אַ באַוווּנדערונג. אָבער נאָך העכער שטייט ער ווי אַ פּערזענלעכקייט. אויף וויפֿל ער איז אַ פּראַקטיקער אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, איז ער אַן אידעאַליסט אין זײַנע באַציִונגען צו די חבֿרים. ווייכער און מענטשלעכער פֿון אים איז קוים עמעצער פֿון אונדז געווען". ווײַטער שרײַבט מיכאַילאָוו: „זונדעלעוויטש איז אויך געווען אָריגינעל אין זײַנע פּאָליטישע מיינונגען. ער איז אין דעם פּרט גאָר ניט קיין רוסישער מענטש, ער איז מער אַ דײַטשער סאָציאַל-דעמאָקראַט, און ער האָט צווישן די דײַטשע סאָצ'-דעמאָקראַטן טאַקע געהאַט אַ סך פֿרײַנד און חבֿרים. פֿאַר אים איז דער הויפּטציל פֿון יעטווידער פּאָליטישער אַקציע געווען די פֿרײַהייט פֿון וואָרט און בכלל די פּאָליטישע פֿרײַהייט. אויב ער איז, מיט זײַן גאַנצער לײַדנשאַפֿט און ענערגיע, צוגעשטאַנען צו דער רוסישער

רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז עס נאָר צוליב אָט דער פּאָליטישער פרײַהייט. בכלל איז ער אַ מערבֿ-אייראָפּעער, און אַלע זײַנע סימפּאַטיעס האָבן אים געצויגן אַהין... מיר האָבן אים זייער ליב געהאַט. אונדזער ליבער משה, ווי ביסטו איצט? וואָס איז מיט דיר?״— פאַרענדיקט מיכאַילאָוו.[331]

אַז מיכאַילאָווס כאַראַקטעריסטיק פון זונדעלעוויטשעס שטימונגען איז אַ ריכטיקע און זאָגט עדות וועגן דעם, אַז ער האָט זיך אָפּן אויסגעטיילט פון זײַנע רוסישע אָדער רוסיפיצירטע חברים, באַווײַזט אַ בריוו פון זונדעלעוויטשן גופא, וועלכן ווערע פיגנער האָט לעצטנס פאַרעפנטלעכט. דעם בריוו, וואָס איז אַגבֿ זייער טיפּיש אויך פאַר זײַן מאָראַלישער פּערזענלעכקייט, האָט זונדעלעוויטש אָנגעשריבן צו זײַנע חברים אין 1880 פון דער פּעטראָפּאַװלער פעסטונג באַלד נאָך זײַן פּראָצעס (פּראָצעס פון די 16 טעראָריסטן, אָקטאָבער 1880), בעת ער איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע. זונדעלעוויטש חידושט זיך, וואָס ער איז אָפּגעקומען מיט אַזאַ „מילדער״ שטראָף, מחמת ער און אַלע אַרום האָבן דערוואַרט, אַז מ׳וועט אים פאַרמשפּטן צום טויט, און אין זײַן לעצטן וואָרט אויפן פּראָצעס האָט ער דערקלערט, אַז „עס וואָלט געווען אַן אומיושר אויסצוטיילן מיך פון מײַנע חברים״. אין זײַן בריוו איז ער דערבײַ מוסיף: „אויב איך וואָלט איצט געווען אויף דער פרײַ, וואָלט איך אַפילו קיין איין טאָג ניט פאַרבליבן אין רוסלאַנד, אַפילו ווען איך וואָלט געווען אַ לעגאַלער. אין טורמע האָב איך ליב געקראָגן אַמעריקע... צו רוסלאַנד, ווי איר ווייסט, האָב איך קיין מאָל ניט געהאַט קיין גרויסע סימפּאַטיעס, און אויב איך בין דאָ פאַרבליבן, איז נאָר מחמת איך האָב געפילט אַ חובֿ לגבי די געליטענע חברים. איצטער איז דאָס אָפּגעפאַלן, ווײַל איך בין אַליין אַ געליטענער״...[332] אַזוי אינעווייניק פרעמד צום לאַנד איז פאַרבליבן דער מענטש, וואָס איז געווען גרייט אָפּצוגעבן זײַן לעבן פאַר דער פרײַהייט פון דעם לאַנד. אָ. אַפּטעקמאַן, דער סאַמע רוסיפיצירטער פון די יידן-נאַראָדניקעס, האָט אויך מודה געווען, ווי מיר האָבן פריִער געזען, אַז ער איז אין תוך פרעמד רוסלאַנד — היסטאָריש און לויטן בלוט.

אין קיין איינעם פון די געביטן, וואָס יידן האָבן אַזוי ווי אויסגעטיילט פאַר זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, זײַנען זיי ניט געווען אַזוי שטאַרק פאַרטראָטן, ווי אין אָרגאַניזירן און באַדינען די געהיימע דרוקערײַען. איינע פון די ערשטע געהיימע דרוקערײַען אין רוסלאַנד האָט אָרגאַניזירט ניקאָלאַי אוטין פאַר דער ערשטער „זעמליאַ אי וואָליאַ״, מיט דער הילף פון באַקסטן. אין 1876 באַשליסן סטעפּאַנאָוויטש און ל. דײַטש צו שטעלן אַ געהיימע דרוקערײַ אין קיִעוו, און אַננאַ ראָזענשטיין ברענגט פון אויסלאַנד מכשירים פאַר דער דרוקערײַ, אָבער דער פּלאַן איז ניט צו שטאַנד געקומען. די ערשטע ריכטיקע דרוקערײַען זײַנען פאַרבונדן מיטן נאָמען פון זונדעלעוויטשן: אין 1877 ברענגט ער אַראָפּ פון דײַטשלאַנד אַ דרוקערײַ פאַר דער „זעמליאַ אי וואָליאַ״, וועלכע ער אָרדנט אײַן אין פּעטערבורג, אַרבעט אַליין אין איר און לערנט אויס אַנדערע זעצן; אין 1878 ברענגט ער אַ צווייטע, די אַ״ג „פרײַע רוסישע דרוקערײַ״, וואָס האָט עקסיסטירט איבער אַנדערהאַלבן יאָר אין צענטער פון פּעטערבורג, לעבן נעווסקי פּראָספּעקט, און ווו ס׳האָבן זיך געדרוקט די וויכטיקסטע אויסגאַבעס פון „זעמליאַ אי וואָליאַ״ און איר צענטראַלער אָרגאַן (די דרוקערײַ איז שפּעטער, בײַ דער גרינדונג

---

[331] זע: Письма народовольца А. Д. Михайлова געזאַמלט פון ש ט ש ע ג אָ ל ע וו (פאַרל׳ „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס״, מאָסקווע 1933), ז׳ 231—233.

[332] דעם בריוו האָט פיגנער פאַרעפנטלעכט אין „Каторга и Ссылка“ נו׳ 64 (1930) ז׳ 93 א״ו. די ליטעראַטור וועגן זונדעלעוויטשן איז זייער אַ רײַכע, זע ביאָ-ביבל׳ לעקסיקאָן, ב׳ 3 (80ער יאָרן), העפט 2, ז׳ 1573—1575; די ליטעראַטור אין יידיש זע אונדזערע באַמערקונגען צו די זכרונות פון גר. גורעוויטש.

פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, אַריבער צו איר). אין 1879 ברענגט זונדעלעוויטש אַראָפּ, מיט יאָכעלסאָנס הילף, נאָך איין דרוקעריַי פֿאַר דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און אויך לייזער צוקערמאַנען פֿאַר אַ זעצער; דאָס איז די דרוקעריַי אין סאַפּיאָרני פּערעולאָק, אין פּעטערבורג, וואָס איז אין אַ פּאָר חדשים צוּרום דורכגעפֿאַלן.[333] די „נ. וו.״ האָט געהאַט אין פּעטערבורג נאָך איינע — די אַ״ג „פֿליִ-דרוקעריַי״, ווו העסיע העלפֿמאַן איז געווען די „בעל-הביתטע״ פֿון קוואַרטיר (אויף טראָיִצקי פּערעולאָק). אַ שײַכות צום געהיימען דרוקן האָט אויך געהאַט דער מאָסקווער סטודענט לייב לעווענטאַל פֿון קאַלוואַריע, אַ „זעמלעוואָלעץ״, וואָס איז אין 1878 דערפֿאַר געוואָרן אַרעסטירט און פֿאַרשיקט אויף 10 יאָר קאַטאָרגע.[334]

די ראָלע פֿון ייִדן אין אָרגאַניזירן געהיימע דרוקעריַיען איז אין די 80ער יאָרן געווען אפֿשר נאָך גרעסער ווי פֿריִער, אָבער מחמת די פֿאַרשטאַרקטע פּאָליציייִשע רדיפֿות און פּראָוואָקאַציעס האָבן די דרוקעריַיען געהאַט אַ סך ווייניקער מזל און פֿלעגן דאָס רובֿ אין אַ קורצער צײַט אַרום דורכפֿאַלן. לענגער פֿון אַנדערע האָט פֿונקציאָנירט די דרוקעריַי פֿון „טשאָרני פּערעדעל״ אין מינסק, וואָס דרײַ ייִדישע יונגע לײַט, געצאָוו, גרינפֿעסט און לעווקאָוו, האָבן דאָ אײַנגעאָרדנט אין 1881; זי האָט געאַרבעט אַ גאַנצן יאָר און אין משך פֿון דער צײַט אָפּגעדרוקט די וויכטיקסטע אויסגאַבעס פֿון דער פּאַרטיי.[335] די נאַראָדאָוואָלישע דרוקעריַיען האָבן ניט אַזאַ גליק און כּמעט אַלע פֿאַלן זיי באַלד דורך, אָבער די פּרוּוון ווערן מיט גרויס עקשנות ווידער און ווידער באַנײַט, דאָס רובֿ פֿון ייִדן-נאַראָדאָוואָלצעס. אין 1882 ווערט אין ווילנע אָרגאַניזירט (פֿון גראַטשעווסקין) אַ געהיימע דרוקעריַי, אין וועלכער ס׳אַרבעטן ווי זעצערס א. אײַזנבערג און ביילע גורוויטש, אָבער אין אַ פּאָר חדשים אַרום פֿאַלט זי דורך; עס ווערט געמאַכט אַ פּרוּוו צו שטעלן אַ נײַע דרוקעריַי, מיט די זעלביקע זעצערס, אין ריגע, אָבער דאָס געראָט אויך ניט. אין 1882 פֿאַלט דורך אויך אַ דרוקעריַי אין אָדעס, צו וועלכער ס׳האָט אַ שײַכות דער סטודענט פּעסיס, און אַ דרוקעריַי אין קיִעוו, וואָס בראש פֿון איר שטייט איסאַק לעווינסקי.[336] אין 1883 האָט דער באַרימטער פּראָוואָקאַטאָר דעגאַיעוו איבערגעגעבן דער פּאָליצײַ די גוט פֿונקציאָנירנדיקע דרוקעריַי פֿון דער פּאַרטיי אין פּעטערבורג, אין וועלכער ס׳האָט געאַרבעט אין איינעם מיט שעבאַלינען די ייִדישע נאַראָדאָוואָלקע פּראַסקאָוויאַ באָגאָראַז. אין 1884 שטעלט דער נאַראָדאָוואָלעץ אַבראַם באַך אַ דרוקעריַי אין ראָסטאָוו, צו וועלכער ס׳האָבן אַ נאָענטע שײַכות ראַיִסע קראַנצפֿעלד און העניריעטע דאָברוסקין. אין 1885 פּרוּווט באָריס אָרזשיך אײַנצואָרדענען אַ דרוקעריַי אין כאַרקאָוו

---

333 די דרוקעריַי האָט עקסיסטירט פֿון סוף אויגוסט 1879 ביז יאַנואַר 1880 און איז צופֿעליק דורכגעפֿאַלן; זי האָט אַזוי גוט געאַרבעט, אַז זי פֿלעגט דרוקן 100 בויגן אַ שעה, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ געהיימער דרוקעריַי געווען דעמאָלט אַ רעקאָרד (דאָ זײַנען געוואָרן אָפּגעדרוקט די ערשטע דרײַ נומערן פֿונעם זשורנאַל „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״). וועגן די געהיימע דרוקעריַיען אין די 70ער און 80ער יאָרן זע די אויספֿאָרשונג פֿון ס. ליוושיץ אין "Каторга и Ссылка" נו׳ 43, 50, 51 און 55 (1928—1929).

334 זע ביאָ-ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2, העפֿט 2, ז. 754—755, ווו ס׳איז אָנגעגעבן אויך די ליטעראַטור.

335 וועגן דער דרוקעריַי זע: ל. דײַטש, דצ״וו, ז׳ 307—324 (געצאָווס בריוו), אַרט׳ פֿון ג. בוכבינדער אין "Каторга и Ссылка" נו׳ 35 (1927), ז׳ 92 א״וו און די ציט׳ אַרבעט פֿון ס. ליוושיץ. דאָ זײַנען געוואָרן אָפּגעדרוקט 3 נומערן פֿון זש׳ „טשאָרני פּערעדעל״ און 4 נומ׳ פֿון „זערנאָ״, חוץ אַנדערע זאַכן; זי איז דורכגעפֿאַלן אַ דאַנק אַ פּראָוואָקאַציע; אַלע דרײַ דערמאָנטע אָנטיילנעמער זײַנען אָבער בײַצײַטנס אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד.

336 לעווינסקי איז פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף 15 יאָר קאַטאָרגע און איז אין דער פֿאַרשיקונג אַראָפּ פֿון זינען.

מיט דער הילף פֿון שאול ליסיאַנסקי.[337] נאָך ליסיאַנסקיס דורכפֿאַל אָרדנט אײַן אָרזשיך אין איינעם מיט נ. באָגאָראַזן (דער שפּעטער באַקאַנט גענוואָרענער שרײַבער נ. טאַן) מיט אַ מאָל צוויי דרוקערײַען, אין טאַגאַנראָג און נאָוואָטשערקאַסק. זיי פֿאַלן ביידע אַרײַן אין גיכן צו דער פּאָליציי אין די הענט, אָבער באַלד דערויף אָרדנט אײַן טאַן־באָגאָראַז מיט דער הילף פֿון זאַכאַר קאַהאַן, אין 1886, אַ נײַע דרוקערײַ אין טולע, וואָס אַרבעט אַ געוויסע צײַט זייער גוט.[338] לויט איינעקע ידיעות האָט איסאַק דעמבאָ אָרגאַניזירט אין ווילנע, אין 1886—1887, אַ געהיימע דרוקערײַ, אָבער דערפֿון איז קאָנטיק גאָרניט געוואָרן. אַ געהיימע דרוקערײַ האָט געהאַט דאָס מינסקער רעוואָלוציאָנערע קרײַזל, וואָס איז באַשטאַנען דורכויס פֿון יידן; עס זײַנען דאָ איבערגעדרוקט לאַווראָווס אַ פּאָר בראָשורן, לאָפּאַטינס פּראָצעס און אַ בראָשור וועגן מאַרקסיסטישע פּראָגראַם־פֿראַגן; אין 1889, אויס מורא פֿאַר רעפּרעסיעס, האָט מען די דרוקערײַ דערטרונקען אין טײַך.[339] אַ דרוקערײַ האָט דעמאָלט אויך די מאָסקווער גרופּע נאַראָדאָ־וואָלצעס, בראש מיט גאָצן און פֿונדאַמינסקין. צום סוף פֿון די 80ער יאָרן ליקווידירט די פּאָליציי די אַלע פּרווון, און ביז מיטן די 90ער הערן מיר אין רוסלאַנד ניט פֿון קיין שום געהיימע דרוקערײַען.

רעדנדיק וועגן געהיימען דרוק און ליטעראַטור־טראַנספּאָרט, ווילן מיר אָנווײַזן, אַז גאָר קיין נײַס זײַנען אָט די אומלעגאַלע מעטאָדן צווישן יידן ניט געווען, און ווי ס׳זאָל זיך אין פֿלוג ניט אויסווײַזן פּאַראַדאָקסאַל, האָבן די יידן־רעוואָלוציאָנערן אַזוי ווי געמאַכט אויפֿלעבן אַן אַלטע דערשײַנונג פֿון דער יידיש־אָרטאָדאָקסישער וועלט. צווישן יידן זײַנען פֿון אַמאָל געווען פֿאַרשפּרייט וואַריאַנטן אין כתבֿ־יד, אין העברעיִש און יידיש, פֿונעם „תולדות ישו", אַ יידישע פּאַראָדיע אויף דער קריסטוס־לעגענדע, וואָס מ׳קען באַטראַכטן ווי אַן אומלעגאַל ווערק, הגם די פּאָליציי האָט דערויף ניט שטאַרק אַכטונג געגעבן. יידן האָבן אַ מאָל אויך געהאַלטן בײַ זיך קונטרסים פֿון די „חסרונות הש״ס" (אָדער „השמטות הש״ס" און „אומר השכחה"), וווּ ס׳זײַנען געווען אָפּגעדרוקט די ערטער אין תּלמוד, וואָס די קריסטלעכע צענזור האָט אין איינעקע לענדער אויסגעמעקט. אין רוסלאַנד האָבן אָנהייב 19טן יאָרהונדערט עקסיסטירט ניט ווייניק חסידישע דרוקערײַען אָן אַ שום דערלויבעניש; איינעקע דרוקערײַען האָבן אָפֿט ניט צוגעשטעלט דער צענזור זייערע געדרוקטע ספֿרים, אָדער געדרוקט ספֿרים מיט יענע טעקסטן, וואָס די צענזור האָט אויסגעמעקט. דער יידישער צענזאָר פֿעדעלאָ, אַ משומד, האָט אין 1827 אויף דעם צאַרס אָנפֿרעג געענטפֿערט, אַז אַזעלכע ניט דערלויבטע יידישע דרוקערײַען געפֿינען זיך ניט ווייניק אין „תּחום";[340] אין 1831 האָט אַ צווייטער יידישער צענזאָר, וואָלף טוגענדהאָלד פֿון ווילנע, אין זײַן באַריכט צום בילדונגס־מיניסטער אָנגעציילט אַ רײ חסידישע ספֿרים, וואָס זײַנען אַרויס אָן אַ צענזור־דערלויבעניש. בעת אין 1837 און שפּעטער אין 1841 ווידער איז אַרויס די גזירה וועגן אַ רעוויזיע פֿון די יידישע ספֿרים, וואָס זײַנען פֿון

---

[337] זע וועגן אים אויבן, קאַפּ׳ V.

[338] אין דער דרוקערײַ איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1000 עקז׳ דאָס גרעסטע בוך, וואָס אַ געהיימע דרוקערײַ האָט ארויסגעלאָזט: דער באַריכט וועגן „פּראָצעס פֿון די 21" (פּראָצעס פֿון „פּראָלעטאַריאַט" אין וואַרשע סוף 1885). די אַלע פֿאַקטן נעמען מיר אַרויס דער עיקר פֿון ס. ליוושיצעס ציט׳ אַרבעט און „קאַטאָרגאַ אי ססילקאַ".

[339] זע זכרונות פֿון זשעניע הורוויטש וועגן מינסק אין ז״ב „רויטע בלעטער", ב׳ 1 (מינסק 1929); פֿ״גל אויך איר מינדלעכע מיטטיילונג אינעם ז״ב Рев. движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 39—40.

[340] זע „Еврейская Старина" 1909, נר׳ 4, ז׳ 253; וועגן די יידישע דרוקערײַען און דער צענזור זע אויך: שאול גינזבורג, היסטאָרישע ווערק (ניו־יאָרק 1937), ב׳ 1, ז׳ 241.

פּאָליציי׳יִש-מַשׂכּילישן שטאַנדפּונקט געווען „שעדלעך" און מ׳האָט זיי פֿאַרברענט, האָבן פֿרומע ייִדן אַ סך ספֿרים ניט אָפּגעגעבן און אויסגעבאַהאַלטן. בעת עס איז אין 1845 אײַנגעפֿירט געוואָרן אין רוסלאַנד אַ הויכע טאַקסע אויף אימפּאָרטירטע ייִדישע ספֿרים פֿון אויסלאַנד, האָט זיך זייער פֿאַרשטאַרקט די ספֿרים-קאָנטראַבאַנדע אויף די גרענעצן.[341] דאָס זײַנען אין צאַרישן רוסלאַנד געווען ניט קיין קליינע פּאָליטישע חטאים, פֿאַר וועלכע מ׳האָט געקענט שטרענג באַשטראָפֿט ווערן. אַזוי האָבן די אומשטאַנדן געצווּנגען אויך דעם אָרטאָדאָקסישן ייִדן צו קעמפֿן מיט „אונטערערדישע" מיטלען קעגן דער אינקוויזיציע אויפֿן בוך און גלויבן. די זין און אייניקלעך פֿון די ייִדישע קאָנטראַ-באַנדיסטן, פֿון די אַמאָליקע שמוכלערס פֿון דער חסידישער ליטעראַטור, האָבן נאָך אפֿשר געירשנט די אַלטע געניטשאַפֿט פֿאַר די רעוואָלוציאָנערע טראַנספּאָרטן.

די אַלטע קאָנטראַבאַנדע-פּונקטן בײַ דעם רוסיש-פּרײַסישן גרענעץ זײַנען איצט זייער צו נוץ געקומען די רעוואָלוציאָנערן, און זיי האָבן זיך פֿאַרבונדן מיט די ייִדישע קאָנטראַבאַנדיסטן. די געשיכטע האָט אונדז איבערגעלאָזט צוויי נעמען פֿון אַזעלכע קאָנטראַבאַנדיסטן. דער ערשטער איז משה עדלשטיין פֿון קאָוונער גובערניע, מיט וועלכן עס האָט געאַרבעט דער דערמאָנטער סטודענט מאָיִסעי ראַבינאָוויטש. אָנהייב 1875 איז עדלשטיין דורכגעפֿאַלן, איז איבער דרײַ יאָר אָפּגעזעסן אין טורמע און האָט פֿיגורירט אויפֿן באַקאַנטן פּראָצעס פֿון די 193 אין פּעטערבורג אין 1878, אין איינעם מיט די רעוואָלוציאָנערן. אויפֿן פּראָצעס איז קלאָר געוואָרן, אַז משה האָט ניט אַנדערש געמוזט וויסן, אַז אין די אַריבערגעפֿירטע טראַנספּאָרטן האָט זיך געפֿונען פּאָליטיש טריפֿה סחורה, און ער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צו דרײַ און אַ האַלב יאָר תּפֿיסה, דערבײַ האָט מען אים פֿאַררעכנט די צײַט, וואָס ער איז אָפּגעזעסן; באַלד נאָכן משפּט איז ער נעלם געוואָרן און די פּאָליציי האָט אים ניט געקענט געפֿינען.[342] דער צווייטער באַקאַנטער קאָנטראַבאַנדיסט איז זלמן (דער פֿאַמיליע-נאָמען ניט באַקאַנט), מיט וועלכן זונדעלעוויטש האָט רעגולער אָפּגעאַרבעט, אויף דעם זעלביקן גרענעץ, אין משך פֿון עטלעכע יאָר און וועלכער האָט אויך נאָך זונדעלעוויטשעס אַרעסט באַדינט די רעוואָ-לוציאָנערן, מסתּמא דורך יאָכעלסאָנען, וואָס האָט אים אויך גוט געקענט. זלמנס גאַנצע משפּחה האָט זיך פֿאַרנומען מיט קאָנטראַבאַנדע; זײַן זון האָט נאָך אַ דורכפֿאַל זיך געמוזט אָפּטראָגן קיין אַמעריקע, זײַן שוואָגער איז אויך אַנטלאָפֿן און זיך באַזעצט פֿון יענער זײַט פּרײַסישן גרענעץ, העלפֿנדיק זלמנען. דער צענטער פֿון קאָנטראַבאַנדע איז געווען דאָס שטעטל שירווינט, לעבן ווירבאַלן. דורך זלמנען האָט זונדעלעוויטש טראַנספּאָרטירט ליטעראַטור און מענטשן, האָט אויך אַריבערגעפֿירט צוויי דרוקערײַען און מוסטערן פֿון דינאַמיט; די דרוקערײַ פֿאַר דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט זלמן אַליין צוגעשטעלט קיין פּעטערבורג. אָבער אין פֿעברואַר 1881, אין פֿאַרבינדונג מיטן אַרעסט פֿון ניקאָלאַי מאָראָזאָוו, וועלכן ער האָט אַריבערגעפֿירט איבער דעם גרענעץ פֿון אויסלאַנד, איז זלמן אויך דורכגעפֿאַלן און איז געווען אַרעסטירט, אָבער אים איז געראָטן אַרויסצודרייען זיך פֿון געריכט און ער איז אַנטלאָפֿן קיין אַמעריקע.[343]

די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן האָבן אויסגעפֿירט אַ מין ספּעציעלע שליחות נאָך אויף איין געביט: פֿון אידעיִשע פֿאַרמיטלערס צווישן דעם מערבֿ-אייראָפּעיִשן סאָציאַליזם און דעם רוסישן. אַקסעלראָד און זונדעלעוויטש זײַנען געווען דעמאָלט די איינציקע, וואָס האָבן אָפּגעשאַצט דעם ווערט פֿון דער מערבֿ-אייראָפּעיִשער אַרבעטער-באַוועגונג,

---

341 שאול גינזבורג, דצ״וו, ב׳ 1, ז׳ 48 א״וו.

342 וועגן עדלשטיינען זע: ביאָ-ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2, העפֿט 4, ז׳ 2086; ל. דײַטש, דצ״וו, ז׳ 131 א״וו. לויט ווי דײַטש גיט איבער, האָט עדלשטיין אין טורמע יעדן טאָג געדאַוונט אין טלית און תּפֿילין און געקלאָגט אויף זײַן גורל...

343 די ציט׳ זכרונות פֿון וו. יאָכעלסאָן אין „Былое" 1918, נו׳ 13.

בעת די רוסישע נאַראָדניקעס האָבן זיך פֿאַרהאַלטן צו איר מיט ביטול. דורך דער עמיגראַנטישער רוסישער ליטעראַטור האָט אַקסעלראָד פֿון די ערשטע אינפֿאָרמירט די רוסישע חבֿרים וועגן דער דײַטשער (און אויך שווייצער) אַרבעטער-באַוועגונג, הגם ער אַליין האָט זיך באַצויגן דעמאָלט צו איר קריטיש: ער האָט געשריבן וועגן דעם אַ ריי אַרטיקלען אין זשענעווער „ראַבאָטניק" און שפּעטער אין „אָבשטשינאַ"; זונדעלעוויטש האָט דאָס אייגענע געטאָן מינדלעך. פֿון דער צווייטער זײַט, איז די מערבֿ-אייראָפּעיִשע וועלט דורך יִדן-עמיגראַנטן באַקאַנט געוואָרן מיט די פּאָליטישע באַוועגונגען אין רוסלאַנד: אין מיטן די 70ער יאָרן האָט גריגאָרי גורעוויטש געדרוקט וועגן דעם אַ ריי אַרטיקלען אין די דײַטשע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס — אין „פֿאָלקסשטאַאַט", „גלײַכהייט", „נויער סאָציאַלדעמאָקראַט" און ליבקנעכטס „נויע וועלט"; אַהרן ליבערמאַן האָט אויך געשריבן וועגן רוסלאַנד אין „צוקונפֿט" און אין „נויע וועלט" (אינעם לעצטן — אַן אַרטיקל וועגן סטעפּנקאָ ראַזין); דאָס אייגענע האָט שפּעטער געטאָן אויך אַקסעלראָד. גראָד אין פֿאַרשפּרייטן אין רוסלאַנד מאַרקסיסטישע אידעען פֿון מערבֿ-אייראָפּע האָבן רוסישע יִדן אין יענער תּקופֿה אויפֿגעטאָן אַ סך ווייניקער. אמת, ניקאָלאַי אוטין ווערט געהאַלטן פֿאַרן ערשטן רוסישן מאַרקסיסט, אָבער אין רוסלאַנד האָט ער קיין שום השפּעה ניט געהאַט. מער האָבן דעמאָלט אויף דעם געביט אויפֿגעטאָן ניט-יִדן: דער קיִעווער פּראָפֿעסאָר נ. זיבער, דער ערשטער פֿאָרשטייער אין רוסלאַנד פֿונעם אַ"ג לעגאַלן מאַרקסיזם, און דער נאַראָדניק „ניקאָלאַי—אָן" (נ. דניאלסאָן), וועלכער האָט דער ערשטער איבערגעזעצט מאַרקס' „קאַפּיטאַל" (1872),[344] אַרויסגעגעבן דאָס בוך האָט דער באַקאַנטער ראַדיקאַלער פֿאַרלעגער אין פּעטערבורג פּאָליאַקאָוו.[345] שפּעטער, פֿון אָנהייב די 90ער יאָרן, איז די ראָלע פֿון יִדן אין פֿאַרשפּרייטן דעם מאַרקסיזם אין רוסלאַנד געוועזן גאָר ניט דער ערך אַ גרעסערע.

יִדן-רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אויסלאַנד, זײַנען דאָרט געוואָרן מיסיאָנערן פֿונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. אמת, זייער ראָלע קען זיך ניט פֿאַרגלײַכן מיט דער ראָלע פֿון באַקונין אָדער קראָפּאָטקין, די אַפּאָסטאָלן פֿון אַנאַרכיזם אין אויסלאַנד, אָדער פֿון גערצען, לאַווראָוו און דראַגאָמאַנאָוו. אָבער אין אייניקע לענדער זײַנען רוסיש-יִדישע רעוואָלוציאָנערן געוואָרן באמת די **פּיאָנירן** פֿון סאָציאַליזם. דעם ערשטן אָרט פֿאַרנעמען אין דעם פּרט **קאָנסטאַנטין קאַץ** און **אַננאַ ראָזענשטיין**.

קאָנסטאַנטין קאַץ, אַפּטעקמאַנס אַ יוגנט-חבֿר, אַ זון פֿון אַ קאַטערינאָסלאַווער סוחר, שטייט צו זײַענדיק סטודענט צו די נאַראָדניקעס, פֿאַלט דורך און אַנטלויפֿט אין 1875 קיין רומעניע. דאָ ווערט ער פֿון רוסישע פּאָליציי-אַגענטן פֿאַרנאַרט צוריק קיין רוסלאַנד און פֿאַרשיקט, אָבער אין 1879 אַנטלויפֿט ער ווידער קיין רומעניע, וווּ ער פֿאַרבלײַבט שוין זײַן גאַנץ לעבן. צו דער רוסישער באַוועגונג האָט ער זינט דעמאָלט קיין שום שײַכות ניט. אונטערן נאָמען **גערעאַ דאָבראָדזשאַנו** ווערט ער דאָ דער פּיאָניר פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דער גרינדער פֿון דער רומענישער סאָציאַל-

---

344 פּראָפֿ' נ. זיבער איז געווען אַ זון פֿון אַ רוסיפֿיצירטן דײַטש פֿון דער שווייץ. ער האָט געשריבן זײַנע ווערק אין רוסיש, אָבער האָט געהערט, אין אײנעם מיט דראַגאָמאַנאָוו, צום קרײַז **אוקראַיִנישע** ראַדיקאַלן אין קיִעוו אָנהײב די 70ער יאָרן. ניקאָלאַי דניאלסאָן, אַן אָנגעזעענער פֿאָרשטייער פֿון די אַ"ג לעגאַלע נאַראָדניקעס, איז אויך געווען אַ רוסיפֿיצירטער דײַטש און ניט קיין יִיד, ווי אײניקע מײנען; האָט איבער-געזעצט נאָר דעם ערשטן באַנד „קאַפּיטאַל".

345 דער פֿאַרלעגער פּאָליאַקאָוו האָט געקערט זײַן אַ יִיד, אָדער האָט געשטאַמט פֿון יִדן — בדרך כּלל איז די פֿאַמיליע פּאָליאַקאָוו אַ יִדישע. נאָך דעם ווי ער האָט אין 1872 אַרויסגעלאָזט די איבערזעצונג פֿון „קאַפּיטאַל", האָט די פּאָליצײַ קאָנפֿיסקירט דאָס בוך און אַלע זײַנע ראַדיקאַלע אויסגאַבעס, אויף אַ סומע פֿון 100 טויזנט רובל; זע וו. **בורצעוו**, 3a 100 лет ז' 80 (2טער טייל).

דעמאָקראַטיע. קאַץ—דאָבראָדזשאַנו ווערט אויך באַרימט ווי אַ רומענישער ליטעראַטור־קריטיקער, פּובליציסט און טעאָרעטיקער פֿון דער אַגראַר־פֿראַגע אין רומעניע, מיט גאָר אַ גרויסן נאָמען.[346] אַ צווייטער פּיאָניער, אין אַן אַנדער לאַנד, איז אַננאַ ראָזענשטיין, די טאָכטער פֿון אַ רײַכן סימפֿערעאָפּאָלער סוחר. ראָזענשטיין געהער צו די ערשטע יידישע רעוואָלוציאָנערינס און איז זיכער די סאַמע באַגאַבטסטע צווישן זיי. צו 16 יאָר איז זי אַ סטודענטין אין ציריכער טעכניקום (די ערשטע פּרוי), גרייט זיך תּחילת צו אַן ערנסטער וויסנשאַפֿטלעכער קאַריערע, אָבער זי רײַסט איבער איר שטודיום, טרעט אַרײַן אין די רעוואָלוציאָנערע רייען, קערט זיך אום קיין רוסלאַנד און שטייט צו צו די דרום־רוסישע בונטאַרן; זי איז דאָ מער באַקאַנט אונטער איר מאַנס נאָמען מ אַ ק אַ ר ע װ י ט ש. אין 1876 אַנטלויפֿט זי קיין אויסלאַנד שוין אונטערן נאָמען אַננאַ ק ו ל ע ש אָ װ. זי איז אַ שטאַרקע רעדנערין, קען גוט שפּראַכן, פֿירט אין פֿראַנקרײַך אַן ענערגישע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע און ווערט פֿון דאָרטן אַרויסגעשיקט; דער באַרימטער רוסישער שרײַבער טורגעניעוו איז זיך פּאַר איר אומזיסט משתּדל בײַ דער פֿראַנצייזישער רעגירונג. זי באַזעצט זיך אין איטאַליע, ענדיקט דעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט און פֿאַרבלײַבט דאָ אויף שטענדיק. תּחילת טרעט זי דאָ אַרויס ווי אַן אַנאַרכיסטקע (זי איז די פֿרוי פֿונעם באַקאַנטן איטאַליענישן אַנאַרכיסט אַ. קאָסטאַ), אָבער אין מיטן די 80ער יאָרן גייט זי אַריבער צום מאַרקסיזם און איז ענג פֿאַרבונדן מיט פּלעכאַנאָוו—אַקסעלראָדס גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ". זי ווערט די פֿרוי פֿון ט ו ר אַ ט י און אין איינעם מיט אים שאַפֿט זי, אין די יאָרן 1891—1892, די איטאַליענישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, גרינדעט און רעדאַקטירט אין משך פֿון 35 יאָר דעם צענטראַלן־אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי „קריטיקאַ סאָציאַלע". די „סיניאָראַ קולעשאָוו" איז זייער פּאָפּולער אין די איטאַליענישע סאָציאַליסטישע קרײַזן.[347] דער ברייטער וועלט איז געבליבן אומבאַקאַנט, אַז די צוויי סאָציאַליסטישע פּיאָנערן — גערעאַ דאָבראָדזשאַנו אין רומעניע און „סיניאָראַ קולעשאָוו" אין איטאַליע — זײַנען צוויי יידישע פּאָליטישע עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד.

אין אַ קלענערן מאָסשטאַב האָט אַן ענלעכע ראָלע געשפּילט אויף דער אויבן דערמאָנטער ל אַ ז אַ ר ג אָ ל ד ע נ ב ע ר ג. נאָך זײַן אַנטלויפֿן פֿון רוסלאַנד, אין 1872, לעבט ער אַ געוויסע צײַט אין ציריך און זשענעווע און באַזעצט זיך אין 1876 אין לאָנדאָן. אין זײַן קורצער אויטאָביאָגראַפֿיע, וואָס ער האָט צוגעשיקט ל. דײַטשן, שרײַבט ער: „בעת איך בין געווען אין לאָנדאָן, האָט זיך דאָרט געגרינדעט די „אינטערנאַציאָנאַלע ליגע", ווו ענגעלס איז געווען דער דײַטשער סעקרעטאַר, ליסאַגאַרע — דער פֿראַנצייזישער, און איך — ווי ס'פּאַסט פֿאַר אַ יידן — דער סלאַווישער, הגם דאָרט האָט זיך באַטייליקט דער באַרימטער גענעראַל פֿון דער פּאַריזער קאָמונע — ווראָבלעווסקי און די מערהייט פֿון דער סלאַווישער סעקציע זײַנען געווען פּאָליאַקן".[348] אין לאָנדאָן איז גאָלדענבערג, ווי באַקאַנט, געווען דער מיטגרינדער, אין איינעם מיט

---

346 די ליטעראַטור וועגן קאַץ (דאָבראָדזשאַנו) זע: ב י אָ ־ ב י ב ל י אָ ג ר' ל ע ק ס י ק אָ ן, ב' 2 (70ער יאָרן), העפֿט 2, ז' 555; אַ. אַ פּ ט ע ק מ אַ ן, דצ"וו, ז' 142—148; אויך אַרט' פֿון ד"ר י. ק י ס מ אַ ן, אַ קאַפּיטל געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רומעניע, אין דעם בּאַנד ווײַטער.

347 די ביאָגראַפֿיע און ליטעראַטור זע: ב י אָ ־ ב י ב ל י אָ ג ר' ל ע ק ס י ק אָ ן, ב' 2 (70ער יאָרן), העפֿט 3, ז' 842, אונטער מאַקאַרעוויטש, אַננאַ; ל. ד ײַ ט ש. אַרט' אין „צוקונפֿט" 1915, נאָוועמבער, ז' 1014 א"וו (אויך אין דער רוס' אויסגאַבע פֿון זײַן בוך „די ראָלע פֿון יידן", מאָסקווע 1923, לעצטער קאַפּיטל), אויך זײַנע מעמואַרן За полвека (בערלין 1923). אַ. ראָזענשטיינס מאַן טוראַטי איז געשטאָרבן ווי אַ פּאָליטישער עמיגראַנט אין פּאַריז אין 1932, לערך אין דער זעלביקער צײַט איז זי אויך געשטאָרבן אין פּאַריז.

348 ל. ד ײַ ט ש, דצ"וו וועגן יידן אין דער רעוו' באַוועגונג, ז' 89.

אַהרן ליבערמאַנען, פֿונעם ערשטן ייִדישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין (1876).[349] נאָך פֿאַרשיידענע גילגולים און אַרויסשיקונגען האָט זיך גאָלדענבערג באַזעצט אין רומעניע; דאָ האָט ער, אין איינעם מיט אַנדערע רוסישע עמיגראַנטן, געגרינדעט דעם ערשטן רומענישן סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד, האָט אײַנגעאָרדנט אַ דרוקערײַ, אין וועלכן ער האָט אַליין אויסגעזעצט די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשורן אין רומעניש, הגם ער האָט די שפּראַך ניט געקענט. אין מערץ 1881 ווערט ער אַרויסגעשיקט פֿון רומעניע און נאָך ווײַטערדיקע גילגולים באַזעצט ער זיך אין 1885 אין ניו־יאָרק; דאָ לייענט ער לעקציעס, אין ענגליש און רוסיש, וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און גיט אַרויס אין משך פֿון אַ ריי יאָרן דעם זשורנאַל „Free Russia" וואָס אינפֿאָרמירט די ניט־רוסישע וועלט מיט די פּאָליטישע געשעענישן אין רוסלאַנד;[350] ער איז אויך דער גרינדער פֿון דער „רוסישע ליגע קעגן דעם אָפּמאַך וועגן אַרויסגעבן רוסלאַנד די פּאָליטישע פֿאַרברעכער". גאָלדענבערג איז איינער פֿון די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן פֿון די אויסלענדישע רוסישע רעוואָלוציאָנערע פֿאַרלאַגן: אין זײַנע הענט געפֿינט זיך אין זשענעווע די דרוקערײַ פֿון די „טשאַיקאָווצעס", שפּעטער אַרבעט ער אין דער דרוקערײַ פֿון „וופּעריאָד" אין לאָנדאָן, נאָך שפּעטער, אין די 90ער יאָרן, שטייט ער בראש פֿונעם באַקאַנטן רוסישן פֿאַרלאַג אין לאָנדאָן „פֿאָנד פֿון דער פֿרײַער רוסישער פּרעסע".[351]

פֿון סוף די 80ער יאָרן און אין די 90ער פֿאַרגרעסערט זיך די צאָל פּאָליטישע עמיגראַנטן־ייִדן, וואָס אַרבעטן אין די אויסלענדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און שפּעטער טרעפֿן מיר דאָ אַזעלכע אָנגעזעענע טוער ווי ל׳ יאָגיכעס—טישקאָ און ראָזאַ לוקסענבורג — אין דײַטשלאַנד, שאַרל ראַפּאָפּאָרט און א. רובאַנאָוויטש — אין פֿראַנקרײַך. עס איז אויך באַקאַנט די פּיאָניערן־ראָלע, וואָס די ייִדישע סאָציאַליסטן פֿון רוסלאַנד, וועלכע זײַנען געקומען מיט דער גרויסער עמיגראַציע פֿון די 80ער יאָרן קיין ענגלאַנד און דערנאָך קיין אַמעריקע, האָבן דאָ געשפּילט אין פֿאַרשפּרייטן די אַנאַרכיסטישע און סאָציאַליסטישע אידעען, אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך, וואָס פֿאָדערט אַ ספּעציעלע אויספֿאָרשונג.

מיט דער אויסברייטערונג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ענדערט זיך אויך איר סאָציאַלער באַשטאַנד. אין די 60ער יאָרן איז דאָס געווען אַ באַוועגונג כמעט אויסשליסלעך פֿון סטודענטן, איצט קומען צו מענטשן פֿון אַנדערע סאָציאַלע שיכטן. אַזוי צווישן די 376 פּערזאָן, וואָס זײַנען צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט פֿאַר פּאָליטישע פֿאַרברעכנס פֿאַרן ערשטן האַלביאָר פֿון 1879, זײַנען געווען נאָר 98, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען אַ מיטלשול, אַ גימנאַזיע אָדער סעמינאַר, און פֿון זיי נאָר 34, וואָס האָבן באַזוכט אַ הויכשול; די איבעריקע זײַנען געווען פּויערים, אַרבעטער, בעלי־מלאָכות, געזעלן, שוואַרץ־אַרבעטער און אָנגעשטעלטע; גאַנצע 10 פּראָצענט זײַנען געווען מענטשן אָן אַ באַשטימטער פּראָפֿעסיע, פֿאַקטיש מסתמא פּראָפֿעסיאָנעלע

---

349 זע אונדזער אַרט׳ וועגן דער ייִדישער סאָצ׳ באַוועגונג אין די „היסטאָרישע שריפֿטן", ב׳ 1; דאָרט זײַנען אויך אָנגעגעבן די מקורים און ביאָגראַפֿישע ידיעות (על פּי טעות איז דאָרט אָנגעוויזן אויף ז׳ 491, אַז גאָלדענבערגס זכרונות זײַנען געדרוקט אין נומ׳ 3—6 פֿון „קאַטאָרגאַ אי ססילקאַ", אָנשטאָט: נו׳ 10—13); זע אויך ביאָ־ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2, העפֿט 1, ז׳ 288.

350 דער דאָזיקער ענגלישער חודש־זשורנאַל „דאָס פֿרײַע רוסלאַנד" איז דערשינען פֿון 1891 ביז 1900 אין לאָנדאָן און שפּעטער עטלעכע יאָר פּאַראַלעל אויך אין ניו־יאָרק; עס איז אַ געווויסע צײַט אַרויסגעגאַנגען אויך אַ דײַטשע אויסגאַבע אין בערלין („Frei Russland").

351 Фонд Вольной Русской Прессы האָט עקסיסטירט פֿון 1894 אָן און אַרויסגעגעבן אַ ריי וויכטיקע רעוו׳ אויסגאַבעס, צווישן זיי: סטעפּניאַקס „אונטערערדישע רוסלאַנד", בורצעווס „פֿאַר 100 יאָר", „די רוסישע קאָנסטיטוציע" פֿונעם קיִעווער אַדוואָקאַט לעוו קופּערניק, אייניקע אין רוסלאַנד פֿאַרווערטע זאַכן פֿון ל. טאָלסטאָי און קאָראָלענקאָ און אַ סעריע Летучие Листки (1894—1899).

רעוואָלוציאָנערן.[352] אויך צווישן די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן וואַקסט אויס די צאָל פֿון יענע, וואָס קומען אַרויס פֿון אָרעמע קלאַסן, פֿון האַרעפּאַשנע עלטערן. אַקסעלראָדס עלטערן זײַנען געווען גרויסע אָרעמע לײַט, פֿון אָרעמע בעלי-מלאָכות האָבן געשטאַמט וויטנבערג און גאָבעט. עס באַווײַזן זיך שוין אין דער באַוועגונג די ערשטע ייִדישע אַרבעטער, דערווײַלע נאָך ווי יחידים.

איינער פֿון אָט די ערשטע, אויב ניט דער ערשטער, איז געווען הירש סאַפּער, וואָס איז שפּעטער, אין לאָנדאָן, געווען איינער פֿון די גרינדער פֿונעם ערשטן ייִדישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין. סאַפּער, אַ זון פֿון אַן אָרעמען ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, וואָס האָט געוווינט אין פּעטערבורג, איז געווען אַ בעל-מלאָכה, אַ שיידלמאַכער (אָדער קעסטל-מאַכער), און איז משמעות נאָך אין די יונגע יאָרן אין פּעטערבורג פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון סאָציאַליסטישע אידעען. אין 1872 האָט ער עמיגרירט קיין אויסלאַנד, האָט אַרומ-געוואַנדערט איבער די אייראָפּעיִשע שטעט, איז געווען אין בערלין און פּאַריז זוכנדיק אַרבעט און האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן. דאָ ווערט ער אַ לײַדנשאַפֿטלעכער חסיד פֿון לאַווראָוון און פֿון זײַן „וופּעריאָד", באַטייליקט זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע און איז איינער פֿון די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטן. שפּעטער קערט ער זיך אום קיין פּעטערבורג.[353] אייגנטלעך, איז דער ערשטער ייִדישער אַרבעטער, וואָס איז אַרעסטירט און פֿאַרשיקט געוואָרן, געווען יאָסל יודעלעוויטש, דער איניציאַטאָר פֿונעם ערשטן שטרײַק פֿון ייִדישע אַרבעטער אין ווילנע אין 1871, אין דער טאַבאַק-פֿאַבריק פֿון שישמאַן און דורונטשאַ (זע אויבן אַרט' פֿון אַ. מענעס). יודעלעוויטש האָט געשטאַמט פֿון פּאָלטאַווע און האָט געאַרבעט אין ווילנע; נאָכן שטרײַק איז ער פֿאַרשיקט געוואָרן קיין מעזען, אַרכאַנגעלסקער גוב', ווו ער איז אָפּגעווען ביז אויגוסט 1873 און דערנאָך זיך ווידער אומגעקערט קיין ווילנע, אָבער ניט אויף לאַנג.[354] יודעלעוויטש איז אָבער מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ניט געווען פֿאַרבונדן. אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דער באַוועגונג איז געווען מאיר געליס פֿון אָדעס, וועלכער האָט זיך אַ פּאָר יאָר געלערנט אין אַ מיטלשול, דערנאָך אַנטלאָפֿן קיין אויס-לאַנד און איז דאָרטן געוואָרן אַן אַרבעטער. געליס איז איינער פֿון די ווייניק ייִדן, וואָס איז געזעסן אין דער שליסעלבורגער פֿעסטונג.[355] ער האָט געשטאַמט פֿון אַן אָרעמער משפּחה אין אָדעס און איז געווען אַ זעצער, פֿריִער אין דער שווייץ, וווהין ער איז אַנטלאָפֿן, דערנאָך אין רוסלאַנד, ווו ער האָט געלעבט אומלעגאַל. אין אָדעס האָט ער אָרגאַניזירט אַ רעוואָלוציאָנערן קרײַזל, געפֿירט פּראָפּאַגאַנדע צווישן אַרבעטער און האָט זיך אויך באַטייליקט אינעם אַטענטאַט אויפֿן שפּיאָן גאָשטאָפּט (1879). ער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צו טויטשטראָף, וואָס איז אים פֿאַרביטן געוואָרן אויף קאַטאָרגע, איז אַ פּאָר

---

352 זע די סטאַטיסטיק פֿון די פּאָליטישע פֿאַרברעכנס אין רוסלאַנד אין „Народной Литература Воли" (1905), ז' 315—322.

353 קיין רוסלאַנד האָט ער זיך אומגעקערט אין 1884, האָט געאַרבעט אין פּעטערבורג אין אַ פֿאָטאָ-גראַפֿיע און איז אין 1902 דאָ געשטאָרבן. ביאָגראַפֿישע ידיעות זע: נ. בוכבינדערס אַרט' אין „עמעס" (מאָסקווע), פֿון 20 מאַי 1928, אויך אין „Кат. и Ссылка" נומ' 48, ז' 152; אונדזער אַרט' אין די „היסטאָרישע שריפֿטן" ב' 1, ז' 847 א״וו; ביאָ-ביבל' לעקסיקאָן, ב' 2, העפֿט 4, ז' 1422.

354 וועגן יודעלעוויטשן איז פֿאַראַן אַ „ספּראַווקע" אין אַרכיוו פֿון דער געוו' אַרכאַנגעלסקער זשאַנדאַרמעריע, מאַטעריאַלן וועגן די פֿאַרשיקטע פֿון 1871. דאָרט ווערט אַגבֿ אָנגעוויזן, אַז ער איז אין רוס'ש אַ „נעגראַמאָטנער" (אַנאַלפֿאַבעט).

355 אין דער שליסעלבורגער פֿעסטונג זײַנען, ווי באַקאַנט, געזעסן די סאַמע ערנסטע פּאָליטישע פֿאַרברעכער. ביזן סוף פֿון די 90ער יאָרן זײַנען דאָרטן געווען 5 ייִדן: געליס, אַראָנטשיק, סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי, ב. אָרזשיך און סאָפֿיאַ גינסבורג; זע: וועראַ פֿיגנער, Шлиссельбургские узники מאָסקווע 1920, אויך ל. דייטש, דצ״וו, ז' 57.

יאָר אָפּגעזעסן אויף דער קאַרײַער קאַטאָרגע און דערנאָך אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין שליסעלבורגער פֿעסטונג; אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער דאָ געשטאָרבן (1886).[356] אין דער אַדעסער פּראָפּאַגאַנדע צווישן אַרבעטער איז אויך געווען פֿאַרמישט זײַן פֿרוי אסתּר און זײַן ברודער פּנחס, וואָס זײַנען פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. צו דער זעלביקער גרופּע האָט געהערט געליסעס חבֿר ישעיה פֿוקס, אויך אַ זעצער, וואָס האָט שפּעטער געפֿירט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין קעשענעוו און איז סוף 1879 אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד.[357] אַן אַרבעטער, אַ פֿאַרבער, איז אויך געווען דער רעוואָלוציאָנער עמנואל מעדוועדעוו פֿון ניקאָלאַיעוו (נאָכן שמד געענדערט זײַן נאָמען אויף איוואַן), וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן אין 1878 אין פֿאַרבינדונג מיט וויטנבערגס קרײַזל און איז בעתן טשובאַראָוו־פּראָצעס פֿאַרמשפּט געוואָרן פֿונעם מיליטערישן געריכט אויף 12 יאָר קאַטאָרגע, איז געווען אויף דער קאַרײַער קאַטאָרגע און געשטאָרבן אין סיביר אין 1905. פֿאַרמישט אין דער באַוועגונג איז געווען אויך זײַן קלענערער ברודער סאָלאָמאָן, וואָס האָט געדינט אין אַ באַנק אין אַדעס און איז אין 1879 פֿאַרמשפּט געוואָרן פֿאַר דער באַטייליקונג אין געליסעס קרײַזל.[358] וועגן דעם שוסטער אהרן גאָבעט, וואָס האָט געהערט צו די גאָר ערשטע און אָנגעזעענסטע רעוואָלוציאָנערן־אַרבעטער, האָבן מיר גערעדט פֿריִער.

אין דער רעוואָלוציע בכלל זײַנען געווען ניט ווייניק עפּיזאָדישע פֿיגורן, וואָס זײַנען שפּעטער אַוועק. אַזעלכע זײַנען געווען אויך צווישן ייִדן. פֿאַר אַזאַ עפּיזאָדישער פֿיגור דאַרף מען האַלטן דעם סטודענט נתן גאָלובאָוו, דעם געוועזענעם ישיבֿה־בחור און שפּעטערדיקן מחבר פֿון אייניקע ייִדישע היסטאָריש־יורידישע ווערק אין רוסיש. גאָלובאָוו האָט געשטאַמט פֿון מאָזיר, מינסקער גוב׳; אין 1875 איז ער אַרעסטירט געוואָרן אין קיִעוו פֿאַר האַלטן בײַ זיך רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און פֿאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גוב׳, וווּ ער איז אָפּגעזעסן זעקס יאָר. אין דער פֿאַרשיקונג האָט ער אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן די רעכט פֿון „מקלט“ לויטן ייִדישן דין און אייניקע אַנדערע קאָמפּילאַטיווע אַרבעטן אויף ייִדישע היסטאָריש־יורידישע טעמעס; די אַרבעט וועגן „מקלט“ האָט די צענזור פֿאַרווערט אין כּתבֿ־יד (אין 1879) און ער האָט זי אָפּגעדרוקט ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום.[359] אַ סך אַ גרעסערע שײַכות צו רעוואָלוציע האָט געהאַט זײַן קלענערער ברודער לייזער, אויך אַ סטודענט, וואָס איז אין דער זעלביקער צײַט אַרעסטירט געוואָרן אין קיִעוו אין דער דירה פֿון העסיע העלפֿמאַן און איז אויך פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַרכאַנגעלסקער גוב׳, פֿון וואַנען ער איז אַנטלאָפֿן; אין 1880 איז ער אַ צווייטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן אין מאָסקווע מיט אַ פֿאַלשן פּאַס, איז ווידער

---

356 וועגן געליסן זע ביאָ־ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2 העפֿט 1, ער ווערט אויך דערמאָנט אין אַ רײ זכרונות וועגן דער אַרבעט אין אַדעס; פּ״גל, למשל: „Каторга и Ссылка“ ב׳ 5, 9, 17, 23, 28, 31, א״אַ.

357 זע ביאָ־ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן, ז׳ 2, העפֿט 4, ז׳ 1859. וואָס איז מיט פֿוקסן שפּעטער געוואָרן, איז אומבאַקאַנט.

358 וועגן בײדן זע ביאָ־ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2, העפֿט 3, ז׳ 904, און 905.

359 Институт убежища у др. евреев פּעטערבורג, 1884. ער האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ רײ אַנדערע היסטאָריש־יורידישע אַרטיקלען (אין „רוסקי יעווריי“ א״אַ), וווּ ער ווײַזט אַרויס גרויסע קענטעניש פֿון דער אַלט־העברעיִשער ליטעראַטור, און אויך אַן אַרבעט (אין „ווָסכאָד“ 1900) וועגן יונתן אײבשיץ און עקיבֿא אײגער. אַ קורצע ביאָגראַפֿיע פֿון גאָלובאָוון זע אין ביאָ־ביבל׳ לעקסיקאָן, ב׳ 2 העפֿט 1, ז׳ 286; מאַטעריאַלן וועגן זײַן פֿאַרשיקונג זײַנען פֿאַראַן אין די אַרכיוו־פֿאָנדן פֿון אַרכאַנגעלסקער גוב׳, אָפּטײלונג וועגן די פֿאַרשיקטע אין די 70ער יאָרן, פֿון וואַנען מיר האָבן באַקומען אײניקע ידיעות.

פֿאַראַן אַן אָנווײַז, אַז שפּעטער איז נתן גאָלובאָוו געוואָרן אין זשאַנדאַרמעריע (וואַרשעווער?) אַן איבערזעצער פֿון די ייִדישע בריוו, וואָס מ׳פֿלעגט געפֿינען בײַ די פּאָליטיש אַרעסטירטע; זע אַבֿרהם קאַטיק, דאָס לעבן פֿון אַ ייִדישן אינטעליגענט, ב׳ 1 (ניו־יאָרק 1925), ז׳ 99.

פֿאַרשיקט געוואָרן און ווידער אַנטלאָפֿן, ביז ער ווערט פֿאַרשיקט קיין סיביר, ווו ער פֿאַרבלײַבט שוין אַ לענגערע צײַט.[360] אַן עפּיזאָדישע פֿיגור איז אויך געווען מענדעלעס מוכר-ספֿרים זון, מאיר (מיכאַיל) אַבראַמאָוויטש. נאָך ווי אַ גימנאַזיסט אין זשיטאָמיר איז ער פֿאַר רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט; שפּעטער, אין 1878, ווערט ער אַרעסטירט אין פּעטערבורג און פֿאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָלט ער אויס דעם עקזאַמען פֿאַר גימנאַזיע און פֿאַרן יורידישן פֿאַקולטעט און גייט אין גאַנצן אָפּ פֿון דער רעוואָלוציע. מ. אַבראַמאָוויטש איז אין די 80ער יאָרן געווען באַקאַנט ווי אַ רוסיש-ייִדישער פּאָעט, באַזונדערס אויף ביבלישע טעמעס, וואָס האָט זיך אַ סך געדרוקט.[361] אַ צופֿעליקע שײַכות צו דער רעוואָלוציע און צום ייִדישן סאָציאַליזם האָבן אייגנטלעך געהאַט אויך די מיטגלידער פֿון דער גרופּע העברעיִשע סאָציאַליסטן, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט אהרן ליבערמאַנען און מיט זײַן „האמת" (ד"ר ל. קאַמינער, מ. קאַמיאַנסקי, יהל"ל א"אַ);[362] אָנהייב די 80ער יאָרן ווערן זיי אידעיִשע בעלי-תּשובֿה, פֿאַרלירן זייערע אַמאָליקע סאָציאַליסטישע סימפּאַטיעס און גייען אַריבער צו די חובֿבֿי-ציון. עס איז באַקאַנט דער פֿאַקט, אַז מאיר דיזענהאָף, דער באַוווסטער ציוניסטישער עסקן און דער ראש-עיריה פֿון תּל-אָבֿיבֿ, האָט אין דער יוגנט, אין די 80ער יאָרן, געהערט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, הגם קיין גרויסע ראָלע האָט ער דאָרט ניט געשפּילט: נאָכן מיליטער-דינסט האָט ער זיך געלערנט אין דער אָדעסער האַנטווערקער-שול „טרוד" און איז אין 1885 אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר פֿאַרבינדונגען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן קרײַז (ראַפּאָפּאָרט, רובינשטיין, לאַנדאָ א"אַ), איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין זשיטאָמיר, ווו ער ווערט אַרעסטירט (פֿון סעפּטעמבער 1885 ביז אַפּריל 1886) פֿאַר האָבן עפּעס אַ שײַכות צום באַהאַלטענעם טיפּאָגראַפֿישן שריפֿט; שפּעטער ווערט ער אָפּגעגעבן אונטער אַ פּאָליציייִשער השגחה און באַפֿרײַט זיך פֿון איר ערשט אין 1903 אין אָדעס, בעת ער האָט זיך שוין לאַנג געהאַט געפֿונען אין די רייען פֿון די חובֿבֿי-ציון.[363] דער גרינדער פֿון די ערשטע נאַראָדאָוואָלישע קרײַזלעך אין מינסק אין 1883—1884, יעפֿים כורגין, איז שפּעטער געוואָרן זייער אַ מעסיקער ציוניסטישער עסקן און האָט זיך באַזעצט אין ארץ-ישׂראל.[364]

אין די פֿאָרשונגען, וואָס זײַנען לעצטנס געמאַכט געוואָרן אין די פּאָליציי-אַרכיוון פֿון אַרכאַנגעלסק, וווהין מ'פֿלעגט פֿאַרשיקן פּאָליטישע פֿון קלענערער מדרגה, שטויסן מיר זיך אָן אויף אַ פּאָר עפּיזאָדן, וואָס זאָגן עדות, אַז צווישן די פֿרומע ייִדן און די רעוואָ-

---

360 ביאָ-ביבל' לעקסיקאָן, דאָרט; אויך די אַרכאַנגעלסקער אַרכיוו-פֿאָנדן.

361 זײַנע לידער האָט ער געדרוקט כּמעט אין אַלע דעמאָלטיקע רוסיש-ייִדישע זשורנאַלן („ראַזסוועט", „וואָסכאָד", „יעוור' ביבליאָטעקאַ" א"אַ); אין 1889 איז אַרויס אַ זאַמלונג זײַנע לידער אויף ייִדישע טעמעס (רוס', 230 זײַטן). אין „וואָסכאָד" 1891 האָט זיך אויך געדרוקט זײַן איבערזעצונג פֿון מענדעלעס „קליאַטשע", און דאָס איז געווען איינע פֿון די סיבות, וואָס די צענזור האָט אויף אַ צײַט פֿאַרמאַכט דעם „וואָסכאָד". מ. אַבראַמאָוויטש האָט זיך געשמדט, אָבער איז שפּעטער אַריבער צוריק צום ייִדנטום; וווינט איצט אין בעלגיע. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער איבערגעגעבן דעם ייִוואָ דעם טייל פֿון זײַן פֿאָטערס עזבֿון, וואָס האָט זיך געפֿונען בײַ אים און בײַ מענדעלעס טאָכטער.

362 די כאַראַקטעריסטיק פֿון דער גרופּע איז ענג פֿאַרבונדן מיט אהרן ליבערמאַנען און דעם „האמת", וואָס איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך, וועלכן מיר האָפֿן אויספֿירלעך צו באַלײַכטן אין אַן אַנדער אָרט.

363 זע Обзор важнейших дознаний о госуд. преступлениях פֿאַרן יאָר 1885, ז' 7—8, און באַזונדערס ביאָ-ביבליאָגר' לעקסיקאָן, ז' 3 (80ער יאָרן), העפֿט 2, ז, 1156—1157.

364 זע די זכרונות וועגן די מינסקער קרײַזלעך פֿון י. הורוויטש אין „Былое", 1907, נו' 6; אויך די זכרונות פֿון זשעניע הורוויטש אין ז"ב Рев. движение среди евреев (מאָסקווע 1930), רעגיסטער, אויך אין „רויטע בלעטער", ב' 1 (מינסק 1929).

לוציאָנערן זײַנען די באַציִונגען דעמאָלט געווען אָפֿט גאַנץ פֿרידלעכע און פּאַטריאַרכאַלע. אַזוי ווערן מיר געוואָר פֿון אַ פֿאַקט, אַז די ייִדן אין כאַלמאַגאָרי, אַרכאַנגעלסקער גובערניע, וווהין ס'איז אַנהייב 1877 פֿאַרשיקט געוואָרן דער מיטגליד פֿון די ערשטע ווילנער רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך הירש וואַנעל, האָבן זיך געווענדט מיט אַן אָפֿיציעלער השתּדלות וועגן דערלויבן וואַנעלן צו פֿאַרנעמען בײַ זיי דעם פּאָסטן פֿון אַ ראַבינער (אָדער רבֿ).[365] אַ סך אַ גרעסערן חידוש רופֿט אַרויס אַ צווייטער פֿאַקט, אויך לויט דעם זעלביקן מקור: אין 1879 האָט זיך דער אויבן דערמאָנטער נתן גאָלובאָוו געווענדט, אין נאָמען פֿון די אַנדערע פּאָליטיש פֿאַרשיקטע ייִדן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, נאָך „מעות חטין" צום מאָסקווער רבֿ חיים בערלין (אַ זון פֿונעם באַרימטן וואָלאָזשינער ראש-ישיבֿה, דעם הנצי"ב) און האָט בתּשובֿה באַקומען פֿון אים אַ וואַרעמען בריוו און דרײַ רובל אויף פּסח. אין דעם בריוו שרײַבט דער רבֿ צו די ייִדישע פֿאַרשיקטע: „והמקום יהא בעזרכם, ויעשה עמנו אות לטובה, וכאז בימי קדם יראנו נפֿלאות, כמשאלות לבבם לטובה וכנפֿש אחד אחוז באהבה. הנני ידידם וידיד כל ב"י, יראי ה' והושבי שמו" („און דער אייבערשטער זאָל אײַך העלפֿן און ער זאָל אונדז טון אַ נס פֿון גוטס און ווי אין די אַמאָליקע צײַטן ווײַזן אונדז וווּנדער, ווערדליג די ווונטשן פֿון אײַער האַרץ צום גוטן און ווי די נשמה פֿון איינעם פֿאַרכאַפּט פֿון ליבשאַפֿט. איך פֿאַרבלײַב אײַער פֿרײַנד און דער פֿרײַנד פֿון אַלע ייִדן, וואָס זײַנען געטרײַ צו גאָט").[366] ווען אַפֿילו די דאָזיקע ווערטער זײַנען ניט מער ווי אַ פּשוטער אויסדרוק פֿון העפֿלעכקייט און ניט קיין סימן פֿון עפּעס אַ פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דעם אמת, פֿאַר וועלכן די פּאָליטיש פֿאַרשיקטע האָבן געליטן, איז אַזאַ טאָן אין דער ווענדונג פֿון אַ באַקאַנטן רבֿ צו ייִדן-רעוואָלוציאָנערן אין גאַנצן אַ נײַס; מיט יאָרן שפּעטער וואָלט אַזאַ פֿאַל געווען אוממעגלעך. פֿון אַן אַנדער מקור איז אונדז באַקאַנט אַ פֿאַקט, אַז אין 1878 איז דער מינסקער ראַבינער אַבֿרהם כאַנעלעס צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט, מחמת בײַ אים אין הויז פֿלעגן אין משך פֿון עטלעכע יאָר פֿאָרקומען די פֿאַרזאַמלונגען פֿונעם מינסקער רעוואָלוציאָנערן קרײַזל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פֿון ראַבינאָוויטש-טשאָרני און וואָס אין אים האָבן זיך באַטייליקט ל. ראָגאַלער, י. צווענטשיק און די אַנדערע פּיאָניערן פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין מינסק; אויך דער ראַבינער גופֿא און זײַן שוועסטער סאָפֿיאַ פֿלעגן זיך דערבײַ באַטייליקן. ער איז אָפּגעגעבן געוואָרן אונטער אַ פּאָליצײַישער השגחה, און אָנהייב 1880 איז בײַ אים ווידער פֿאָרגעקומען אַ רעוויזיע, ווײַל מ'האָט אויסגעפֿונען, אַז ער איז געווען באַקאַנט מיטן טעראָריסט מלאָדעצקי און ער זאָל אים האָבן אַפֿילו געשטיצט מיט געלט.[367]

---

[365] אַרכיוו-פֿאָנדן פֿון אַרכאַנגעלסקער גובֿ', „אָפּיס" נו' 38; אין אָריגינאַל שטייט раввин וואָס קען מיינען אַ „קאַזיאָנער ראַבינער", אָבער אויך אַ רבֿ, און אפֿשר האָבן זיי טאַקע געבעטן צו דערלויבן זיי נעמען וואַנעלן פֿאַר אַ רבֿ? וואַנעל איז געווען באַקאַנט פֿאַר אַ למדן; זע וועגן אים אין אַרט' פֿון פּנחס קאָן אין דעם באַנד ווײַטער. אין דעם דערמאָנטן אַרכיוו-מקור ווערט אָנגעוויזן, אַז וואַנעל האָט געקראָגן די דערלויבעניש צו קאָרעספּאָנדירן אין „ראַזסוועט" און באַקומען העברעיִשע ביכער, צווישן זיי דעם „השחר" (די מאַטעריאַלן פֿונעם דערמאָנטן אַרכאַנגעלסקער אַרכיוו האָבן מיר באַקומען אַ דאַנק דער פֿרײַנדלעכער פֿאַרמיטלונג פֿון מ. ד.).

[366] אַרכיוו-פֿאָנדן פֿון אַרכאַנגעלסקער גובֿ', „ספּראַווקע" וועגן נ. גאָלובאָוון; פֿ"גל אויך „העולם", נו' מ"ו, פֿון 28 נאָוו' 1935; מיר גיבן דאָ אַ רעפּראָדוקציע פֿון חיים בערלינס בריוו, וועלכן מיר האָבן באַקומען דורך מ. ד.

[367] ביאָ-ביבליאָגר' לעקסיקאָן, ב' 2 (70ער יאָרן), העפֿט $A$ ז' 1866, ביאָגראַפֿיעס פֿון כאַנעלעסן און זײַן שוועסטער. אַבֿרהם כאַנעלעס האָט געענדיקט די ווילנער ראַבינער-שול; וועגן אים ווערט דערמאָנט אויך אין די זכרונות פֿון י. הורוויטש וועגן די ערשטע קרײַזלעך אין מינסק, אין „Былое", 1907, נו' 6 (עפּיזאָד מיט די פֿאַרמאַכטע שבת-קורסן פֿון גראַמאָטע פֿאַר דערוואַקסענע, אין וואָס אײניקע האָבן באַשולדיקט דעם ראַבינער כאַנעלעס). כאַנעלעס האָט זיך שפּעטער דערווײַטערט פֿון דער באַוועגונג.

אַזוי איז דער רעוואָלוציאָנערער גײַסט שוין דעמאָלט גאַנץ טיף אַרײַנגעדרונגען אינעם ייִדישן „תּחום“.

* * *

די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ווערט דאַטירט פֿונעם ערשטן אומלעגאַלן קרײַזל אין ווילנע, אין 1875, און דעם ערשטן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין אין לאָנדאָן, אין 1876, וואָס זײַנען ביידע פֿאַרבונדן מיט אַהרן ליבערמאַנס נאָמען. אויך אין אַנדערע ייִדישע שטעט האָבן זיך אין יענע יאָרן, און אַפֿילו אַ ביסל פֿריִער, געבילדעט אומלעגאַלע קרײַזלעך, וואָס זײַנען באַשטאַנען דורכויס פֿון ייִדן: אין מאָהילעוו (אַקסעלראָדס קרײַזל), אין מינסק, קרעמענטשוג. אָבער דאָס וויגעלע פֿון דער באַוועגונג איז געווען ווילנע, מחמת דאָ האָט זיך צום ערשטן מאָל געשטעלט די פֿראַגע וועגן פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן, און וועגן זעלבשטענדיקע פֿאָרמען פֿון ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעט. די פּיאָניערן-ראָלע פֿון ליבערמאַנען איז נאָך ביז איצט ניט אויסגעפֿאָרשט אין איר גאַנצן פֿאַרנעם. זײַנע אידעען וועגן ייִדישן סאָציאַליזם האָט ער צעטראָגן איבער לאָנדאָן (סאָציאַליסטישער פֿאַראיין פֿון 1876 און די אַרטיקלען אין „וופּעריאָד“), בערלין (די בערלינער „סעקציע“), ווין („האמת“) און האָט דורך זײַן פּראָקלאַמאַציע צו דער ייִדישער אינטעליגענץ, דורך זײַן סטאַטוט פֿון אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן פֿאַרבאַנד צווישן ייִדן, דורכן „האמת“ געשטעלט נײַע פּראָבלעמען פֿאַר דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ. אין ווילנע האָט זיך דער רויטער פֿאָדעם געוועבט ווײַטער — דורך ליבערמאַנס ייִנגערע חבֿרים פֿונעם צווייטן קרײַז, דורך איבערגעבליבענע יחידים און שפּעטער דורך דער גרופּע סאָציאַליסטישע טוער, וואָס זײַנען אין דער צווייטער העלפֿט 80ער יאָרן געשטאַנען בײַ דער גרינדונג פֿון די ערשטע ייִדישע אַרבעטער-קרײַזלעך און די ערשטע „קאַסעס“ און האָבן מיט דער צײַט געשאַפֿן אַ שטאַרקע און ברייטע ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג. די געשיכטע פֿון אָט דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג גייט ניט אַרײַן אין דעם טייל פֿון אונדזער אַרטיקל.

אין אונדזער טעמע גייט אויך ניט אַרײַן דער אָנטייל פֿון ייִדן אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון די 80-ער יאָרן. אין די דאָזיקע יאָרן גייט די באַוועגונג באַרג אַראָפּ און האַלט זיך נאָר מיט די טראַדיציעס פֿון דער אַלטער הערויִשער תּקופֿה אין דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. די שקיעה פֿון דער באַוועגונג קומט ניט נאָר מחמת דעם שרעקלעכן חורבן, וואָס די פּאָליצײַ און דעגאַיעווס פּראָוואָקאַציע האָבן געבראַכט, נײַערט אין אַ גרעסערער מאָס אפֿשר איבער דעם טיפֿן אינעווייניקסטן קריזיס, דעם קריזיס פֿון דער עצם אידעע פֿון טעראָר און פֿון דער נאַראָדנישער אידעאָלאָגיע בכלל. באַזונדערס קריטישע זײַנען אָט די יאָרן געווען אינעם גײַסטיקן לעבן פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ. די מאַסן-פּאָגראָמען, דער אײַנגעפֿירטער קאָדעקס פֿון ייִדישער רעכטלאָזיקייט, דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט דעמאָלט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ ניט בלויז אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין מערבֿ-אייראָפּע, די פֿאַרשאַרפֿטע עקאָנאָמישע נויט און די ייִדישע מאַסן-עמיגראַציע דאָס אַלץ האָט צעטומלט די געמיטער און אַרויסגערופֿן בײַ דער ייִדישער אינטעליגענץ אַ טיפֿן גײַסטיקן קריזיס און אַן אַנטוישונג אין דער סגולה פֿון אַסימילאַציע און קאָסמאָפּאָליטיזם. אַן עמיגראַציע-אידעאָלאָגיע אין די ביידע לאַגערן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אויסגעבילדעט — הן בײַ די „אַמעריקאַנצעס“ און הן בײַ די „פּאַלעסטינצעס“, אַרויסגערופֿן צום לעבן נאַציאָנאַלע שטימונגען און תּשובֿה-געפֿילן, דעם סענטימענט פֿון „חובֿ צום פֿאָלק“, אָבער — שוין צום אייגענעם פֿאָלק.

דער דאָזיקער קריזיס האָט פֿאַרכאַפּט אויך אַ טייל פֿון דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער אינטעליגענץ. נאָך אין די 70ער יאָרן האָבן זיך די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן מיט חידוש אָנגעשטויסן אויף אַנטיסעמיטישע סימפּטאָמען צווישן אייניקע רוסישע און

באַזונדערס אוקראַיִנישע רעוואָלוציאָנערע טוער; איצט, אין די 80ער יאָרן, זײַנען די סימפּטאָמען אַרויסגעטראָטן בולטער: עס איז באַקאַנט, אַז די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ האָט כּמעט ווי באַרעכטיקט דעם פּאָגראָם-„בונט“ קעגן יִדן פֿונעם רוסישן המון און טײלווײַז אַפֿילו צוגערעדט צו אים: אין דעם גײַסט האָט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ אַרויסגעלאָזט עטלעכע פּראָקלאַמאַציעס (און ניט איינע, ווי ס'איז געוויינטלעך אָנגענומען); אַפֿילו דער „טשאָרני פּערעדעל“, אין זײַן שפּעטערדיקער פֿאָרמאַציע, האָט אויך געזינדיקט מיט אַזאַ פּאָגראָם-פּראָקלאַמאַציע. די פּאָגראָמען גופֿא און די שטעלונג פֿון די דאָזיקע פּאַרטייען האָבן גוואַלדיק צערודערט דעם געמיט פֿון אַ טייל יִדישע רעוואָלוציאָנערן און אַרויסגערופֿן אַ טיפֿע אינעווייניקסטע טראַגעדיע. אַ רײי טוער פֿאַרלאָזן די באַוועגונג: אַננאַ עפּשטיין, אַבֿרהם-אַבאַ פֿינקעלשטיין, דאַווידאָוויטש, גריגאָרי גורעוויטש, שפּעטער מ. דיזענגאָף, י. כורגין און אַ רײי אַנדערע, וואָס זייערע נעמען זײַנען אונדז געבליבן אומבאַקאַנט; אויך די גאַנצע גרופּע העברעיִשע סאָציאַליסטישע שרײַבער, ווי מיר האָבן געזען, איז אַוועק און אַריבער אינעם לאַגער פֿון די חובֿבֿי-ציון.

די אַנטוישונג און חרטה נעמען אָבער אַרום נאָר אַ טייל פֿון דער יִדישער אינטעליגענץ. גראָד אין די 80ער יאָרן מערקט זיך פֿון דער צווייטער זײַט, אַ נײַער צושטראָם פֿון יִדן אין דער נאַראָדאָוואָלישער באַוועגונג. זייער צאָל פֿאַרגרעסערט זיך אַבסאָלוט און פּראָפּאָרציאָנעל, זיי ווערן אַפֿילו אַקטיווער ווי פֿריִער; די אמונה אין סאָציאַליסטישן קאָסמאָפּאָליטיזם איז נאָך געווען גענוג שטאַרק צווישן דער ראַדיקאַלער יִדישער יוגנט. עס איז ניט געווען קיין צופֿאַל, וואָס כּמעט אַלע פּרווון צוריק אויפֿצושטעלן די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ ווערן דעמאָלט געמאַכט דער עיקר פֿון יִדן: וו. יאָכעלסאָן, באָריס אָרזשיך, הענריעטאַ דאָברוסקין, סאָפֿיאַ גינסבורג, איסאַק דעמבאָ און דאָס טעראָריסטישע קרײַזל אין דער אויסלענדישער עמיגראַציע (1889) און נאָך אַ סך אַנדערע. דאָס רובֿ אומגעקומענע און פֿאַרמשפּטע בעת דער „יאַקוטסקער הריגה“ אין 1889 זײַנען געווען יִדישע פֿאַרשיקטע. די שטימונג צווישן די דאָזיקע יִדן-רעוואָלוציאָנערן איז אַ פֿאַרביסן-אַסימילאַטאָרישע, וואָס פֿירט אייניקע פֿון זיי אַפֿילו צו שמד. און גראָד געשטויסן זיי אומבאַוווסטזיניק אין די רייען פֿון רעוואָלוציע האָבן דער עיקר טאַקע דער יִדישער פּראָטעסט-געפֿיל קעגן פּאָגראָמען און רדיפֿות, די אויפֿרעגונג קעגן דער אַנטיסעמי-טישער רעגירונג און פֿינצטערער רעאַקציע אַרום און דער לײַדנשאַפֿטלעכער פֿאַרלאַנג אַראָפּצוברענגען די פּאָליטישע פֿרײַהייט פֿאַר אַלעמען, און פֿאַר יִדן אויך בתוכם, דורך רעוואָלוציאָנערן קאַמף און טעראָר. אָבער יענער טייל פֿון דער יִדישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, וואָס איז געבליבן לעבן אין „תּחום“ און האָט זיך פֿאַרבונדן מיט דער יִדישער מאַסע, האָט דאָ אַנטדעקט אַ נײַעם סאָציאַלן כּוח אין דער יִדישער געזעלשאַפֿט, דעם יִדישן לוין-אַרבעטער. און פֿון סוף די 80ער יאָרן נעמט זיך אויסבילדן אַ יִדישע אַרבעטער-באַוועגונג, אַ פּראָפֿעסיאָנעלע און שפּעטער אַ פּאָליטישע, וואָס ווערט געשאַפֿן ניט מיט אַ פֿאָרויס באַשטימטער כּוונה, נאָר פֿון זיך אַליין, עמפּיריש און טריט בײַ טריט און וואַקסט אויס אין גיכן צו אַ גרויסן כּוח אויף דער יִדישער גאַס און אויפֿן אַלגעמיינעם פֿאָרום פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע.

די דאָזיקע אַלע עטאַפּן זײַנען אַ באַזונדער טעמע, וואָס פֿאָדערן אַ באַזונדער באַהאַנדלונג.

# עפּיזאָדן

פֿון א. ליעסין (ניו-יאָרק)

## אַ מין הקדמה

עס שטייט אַ וואַלד און דאָרט און שטייט. די גרויסע וואָרצלען טריקענען אויס און ציען פֿון דער ערד אַלץ ווייניקער זאַפֿט. געדיכט-אײַנגעדרייטע צווײַגן דאַרן אָפּ און הענגען אַלץ הוילער. עס איז אַן אוראַלטער וואַלד, וואָס האָט אויסגעהאַלטן די מורא-דיקסטע שטורעמס, און ער טריקנט אויס. און עס איז אַ גרויסער צער און אַ פּחד.

אַזוי האָט מיר אויסגעזען דאָס ייִדיש לעבן מיט 40 יאָר צוריק. מיט אייניקע דורות פֿריער האָבן די שאַפֿער פֿון חסידיזם, אָנגעהויבן פֿון בעל-שם-טובֿ, גענומען אָנזאַפּן די וואָרצלען מיט מער זאַפֿט, די צווײַגן מיט מער טוי—אַרײַנברענגען אין ייִדישן לעבן מער פֿאַנטאַזיע און פֿרייד, געזאַנג און עקזאַלטאַציע. דאָס האָט אָבער אויף לאַנג ניט געקלעקט. מיט אַ דור פֿריער פֿאַר אונדז איז ר' ישראל סאַלאַנטער, דער שאַפֿער פֿון דער מוסר-באַוועגונג, געקומען מיט אַן אייגנאַרטיקן, עכט-ייִדישן טאָלסטאָיִזם—לאַנג נאָך פֿאַרן רוסישן טאָלסטאָיִזם. ער האָט געוואָלט מאַכן דאָס מתנגדישע ייִדנטום נשמהדיקער, דערהויבנדיקער. זײַן שיטה וועגן זעלבסט-פֿאַרפֿולקומענונג איז אָבער געווען צו הימלדיק. זי האָט ניט געקענט דורכדרינגען די וואָרצלען, די צווײַגן; זי האָט נאָר באַרירט אויף אַן אומבאַדײַטנדיקן אופֿן די שפּיצן. די באַוועגונג פֿון די חובֿבֿי-ציון, נאָכן ענטוזיאַסטישן אויפֿפֿלאַם פֿון אירע ערשטע יאָרן, האָט זיך אויסגעזופּט. זי האָט אָנגענומען אַ פֿילאַנטראָפּישן כאַראַקטער, און די פֿילאַנטראָפּיע האָט געקענט צונויפֿשאַרן נאָר גראָשנס. די מאַלאַריע אין ארץ-ישראל און די קאַנצעלאַריע אין אָדעס זײַנען געווען שלימזלדיק. איז די חובֿבֿי-ציון-באַוועגונג אין גאַנצן שוין געוואָרן אַ באַוועגונג אַ בוכ-האַלטערישע, וואָס האָט געלאָזט זיך הערן אין „המליץ“, אָבער ניט אין לעבן. עס האָבן זיך נאָך געטראָגן זינט יאָרצענדלינגער די השכּלה-ווינטן, הודזשענדיק אַלץ אין די אויערן פֿון די גבֿירישע יונגע לײַט און פֿעיִקע ישיבֿה-בחורים: „שטיי אויף, מײַן פֿאָלק, דערוואַך פֿון דײַן דרימל!“ דאָס זײַנען אָבער געווען און געבליבן ווינטן טרוקענע, אינדיווידואַליסטישע, קאַריעריסטישע. דער אויסגעטריקנטער וואַלד איז פֿון זיי געוואָרן נאָך אויסגעטריקנטער.

און אָט האָט אין דעם וואַלד אויסגעבראָכן אַ רייניקונג-פֿײַער, די גרויסע רעוואָלוציאָנערע שׂרפֿה, און אַלע זײַנע געדיכטסטע געדיכטענישן האָבן פּלוצלונג פֿון אַלע זײַטן אויפֿגעפֿלאַקערט.

אמת, ייִדישע רעוואָלוציאָנערן זײַנען געווען נאָך מיט 20 יאָר פֿריער אַ רעכט ביסל, אָבער רעוואָלוציאָנערע ייִדן—גאַנץ ווייניק. נאָך אין די זיבעציקער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט האָבן זיך שוין באַוויזן די ייִדישע „נעזשדאַנאָווס“, וואָס האָבן זיך מיט אַלע כּוחות באַמיט צו פֿאַרשלייערן דעם ייִד אין זיך כּדי צו קענען „גיין“ צום רוסישן פֿאָלק. געוויס זײַנען שוין דעמאָלט געווען אויסנאַמען—אַזעלכע, וואָס האָבן געווייטאָגט מיט די גרויסע ווייטאָגן פֿון ייִדישן פֿאָלק, און דינענדיק דער אַלגעמיינער באַוועגונג האָבן

זיי געדענקט, אַז זיי דינען אויך דעם ייִדישן פֿאָלק. דער דורכשניטמענטש איז אָבער אויך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג געבליבן אַ דורכשניטמענטש. און אויב די אַסימילירטע טאַטעס האָבן געזוכט נאָר די רוסישע קרײַזן, האָבן די אַסימילירטע קינדער געזוכט נאָר די רוסישע „קרײַזלעך". די טאַטעס האָבן ניט געזען און ניט געוואָלט זען, אַז עס איז פֿאַראַן אַ ייִדישע אומה, וואָס קען זיך ניט אַסימילירן. און די קינדער האָבן ניט געזען און ניט געוואָלט זען, אַז עס איז פֿאַראַן אַ ייִדישע אַרבעטער-מאַסע, וואָס נייטיקט זיך אַזוי אין זיי. עס זײַנען געווען ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך געאָגראַפֿיש ניט געקענט העלפֿן: זיי האָבן געוווינט אין ייִדישע שטעט. האָבן זיי אויך מיט זייער פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן געאַרבעט פֿאַרן פֿרעמדן מאַרק, פֿאַרן רוסישן מאַרק — פֿאַבריצירט פּראָפּאַגאַנדיסטן פֿאַר די רוסישע שטעט. עס זײַנען געווען אַפֿילו ייִדישע אַרבעטער, רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אַרבעטער, וואָס האָבן גענומען קוקן פֿון אויבן אַראָפּ אויף דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע, וואָס זײַנען אַפֿילו אַוועק פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע, ווי נאָר זיי האָבן זיך אַנטוויקלט און זיך דערפֿילט אינטעלעקטועל העכער פֿון דער מאַסע. דער אויסרייד איז געווען, אַז עס איז וויכטיקער צו אַרבעטן צווישן די רוסישע אַרבעטער. דיקטירט איז דאָס אָבער געווען פֿון געפֿילן פֿון גרינגשעצונג צו די אייגענע — צו די ייִדישע אַרבעטער. דער פּאַרוועניו איז אויך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג געבליבן אַ פּאַרוועניו.

און מיטאַמאָל איז געשען דער וווּנדער. אין משך פֿון אַ פּאָר יאָר האָט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, ווי אַ ווילד פֿײַער, גענומען אַרומכאַפּן די ייִדישע שטעט און שטעטלעך. און דאָס זײַנען דאָך געווען שטעט און שטעטלעך, וואָס אינדוסטריעל זײַנען זיי געווען אַזוי ווייניק אַנטוויקלט, ווי אין די צײַטן פֿון מלך סאָביעסקי. און דאָס איז דאָך געווען אַ דור, וואָס איז אין גאַנצן געקומען פֿון חדר — פֿון אָט דעם אַלטמאָדישן חדר, וואָס אַזוי פֿיל ייִדישע שרײַבער האָבן אים אַזוי פֿיל געזידלט און געשאָלטן. אַפֿילו די ווייניקע, וואָס האָבן געהאַט דעם זכות צו באַזוכן וועלטלעכע שולן, האָבן דאָך אויך זייער ערשטע דערציִונג באַקומען אין חדר. און דאָס איז געווען אין אַזאַ צײַט, ווען די גאַנצע ריזיקע רוסישע מדינה האָט געשטומט אַ צוגעשטיקטע, ווען אַפֿילו די הויפּטשטאָט און די רעוואָלוציאָנערע צענטערס זײַנען געלעגן אויסגעלאָשענע.

צי האָט דער רעגן אַ פֿאָטער? — האָט אַמאָל געפֿרעגט איוב. דער רעוואָלוציאָנערער ברען, וואָס האָט אַזוי ווונדערלעך אָנגעצונדן די ייִדישע גאַס, האָט זיכער געהאַט זײַנע פֿאָטערס — די נביאים, די מדרשים, די גרויסע און גלודיקע משיח-דערוואַרטונגען. געוויס קען מען פֿרעגן, פֿאַר וואָס האָבן די זעלביקע נביאים און די זעלביקע משיח-דערוואַרטונגען ניט געצונדן קיין רעוואָלוציאָנערן אויסדרוק אויף דער ייִדישער גאַס מיט אַ הונדערט יאָר פֿריער, אַפֿילו ניט מיט אַ צענדליקער יאָר פֿריער? און מען קען געבן וועגן דעם אינטערעסאַנטע דערקלערונגען. אָבער אָן די נביאים און אָן די משיח-דערוואַרטונגען וואָלט שוין גאַנץ שווער געווען צו דערקלערן, פֿאַר וואָס, למשל, האָט מען אין מינסק אין איין און דער זעלביקער צײַט די יונגע ייִדישע שוסטערס לײַכט געקענט אָרגאַניזירן, און מיט די יונגע ניט-ייִדישע שוסטערס האָט מען בשום אופֿן גאָרנישט געקענט מאַכן. מען האָט אויסגעשריבן פֿאַר זיי ספּעציעל ניט-ייִדישע אַגיטאַטאָרס, וואָס האָבן געקנעלט און געקנעלט מיט זיי און גאָרנישט דערגרייכט. און די ניט-ייִדישע שוסטערס, וואָס זײַנען געווען אין מינסק אין אַ היפּשער צאָל, האָבן געאַרבעט ניט פֿאַר באַשטעלונגען, נאָר פֿאַרן מאַרק, צו 15 — 20 מאַן אויף איין פּלאַץ, און זיי האָט מען דאָך געדאַרפֿט קענען ניט אין ערגץ לײַכטער אָרגאַניזירן.

און דאָך, בײַ אָט די אַלע ערפֿאָלגן בײַ אָט די אַלע שוסטערס און שנײַדערס און בערשטער-ייִנגלעך אונדזערע מיין איך ניט צו זאָגן, אַז אויף די גאַסן פֿון מינסק זײַנען דעמאָלט טאַקע מקוים געוואָרן די ווערטער פֿון נביא וועגן די גאַסן פֿון ירושלים —

אַז די רעוואָלוציאָנערע יונגע לײט און די רעוואָלוציאָנערע מײדלעך האָבן געזען זעונגען און געגלײט מיט דערוואַרטונגען. דאָס וואָלט שוין געווען פּיל מער ווי מײַן חוש פּאַר הומאָר וואָלט געקענט פּאַרטראָגן. אָט האָט אַמאָל ירמיהו הנבֿיא, למשל, געלאָזט זיך מאַכן אַ יאָך, און אין אײנעם אַ פֿרימאָרגן האָט ער גענומען און אָנגעטאָן דעם יאָך, ווי אַ סימבאָל, בײַ זיך אויפֿן האַלדז, און ער האָט אַזוי אַרומגעשפּאַצירט אויף די גאַסן פֿון ירושלים. נו, שטעל איך זיך פֿאָר, ווי די ווילנער און די מינסקער קאָנספּיראַטאָרס וואָלטן עס געקוקט אויף אַזאַ ענין! יאָ, אינדיווידועל איז יעדער ייִדישער רעוואָלוציאָנער געווען גאַנץ ווײַט פֿון אַ נבֿיא, אַבער אַלע אין אײנעם זײַנען זײ געווען ריכטיק אַ זעונג פֿון אַ נבֿיא. און אין געהויבענע מאָמענטן האָבן אַפֿילו די אָרעמסטע אין גײַסט צווישן זײ דערפֿילט די גרויסקייט—צו זען, ווי די מחנות ייִדישע קעמפּפֿערס מערן זיך, ווי מען שמידט פֿון די טויזנט-יאָריקע קייטן אַ שווערד אין קאַמף פֿאַר באַפֿרײַונג.

די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט באַקומען אַ גרויסע, זעלבשטענדיקע באַדײַטונג, און זי האָט גענומען צינדן מיט איר בײַשפּיל גאַנץ רוסלאַנד. עס איז שוין געווען מער ווי צו פֿאַבריצירן פּראָפּאַגאַנדיסטן פֿאַר די רוסישע שטעט. די ייִדישע באַוועגונג אַליין איז שוין געוואָרן אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס האָט די רוסישע אַרומיקייט געצונדן. און בײַם גאַנצן עכט-ייִדישן ביטול צו זיך אַליין, בײַם גאַנצן אינפֿעריאָריטעט-קאָמפּלעקס אונדזערן, האָט מען עס געמוזט צוגעבן. די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן האָבן גענומען פֿילן אַ נאַציאָנאַלן שטאָלץ. לויטן דין האָט מען עס טאַקע ניט געטאָרט. מען האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפֿן. עס האָט זיך געפֿילט: אַתּה בחרתּנו! אונדזער היסטאָרישער גורל—דער גאָר באַזונדערער, דער אויסטערלישער. אונדזערע טויזנט-יאָריקע עינויים, וואָס גײען ניט פֿאַרבײַ אומזיסט. מיר זײַנען די גערופֿענע—אויב ניט צו זײַן אַ ליכט פֿאַר די פֿעלקער, ווי דער נבֿיא האָט פֿאָרויסגעזאָגט, איז אַ פֿײַער פֿאַר די פֿעלקער. באַוווּסטזיניק וואָלט מען זיך פֿון דעם מיט די הענט און די פֿיס אָפּגעטרײסלט. אומבאַוווּסט האָט עס אָבער אין די הערצער געגליט, געמונטערט, באַגײַסטערט.

און דער אוראַלטער וואַלד, וואָס האָט אויסגעזען צו זײַן אַזוי אויסגעטריקנט, האָט ערשט מיטן רײניקונג-פֿײַער גענומען ווײַזן, ווי אומדערשעפּלעך זײַנען די אוצרות זײַנע פֿון זאַפֿט און קראַפֿט.

אַ ביסל אַ צו לאַנגע הקדמה צו די קורצע עפּיזאָדן—מײַן אַמאָליקער וועג צו דער באַוועגונג און אין דער באַוועגונג, וואָס איז אויך געווען דער וועג פֿון פֿיל אַנדערע ייִדישע יונגעלײַט.

## I

### די פֿאָרשטעלונג, וואָס איך האָב געהאַט אין מײַן קינדהייט וועגן סאָציאַליסטן

ווען האָב איך געהערט צום ערשטן מאָל וועגן סאָציאַליסטן? גראָב איך זיך אין זכּרון און וויל עס דערגײן, שטײט אויף פֿאַר מיר די שלאַנקע פֿיגור און דער בערדיקער פּנים פֿון סקאָבעלעוו, דעם באַרימטן רוסישן „ווײַסן גענעראַל", דעם העלד פֿון פּלעווונע, וואָס האָט נאָכן רוסיש-טערקישן קריג געוווינט אין מינסק.

דאָס איז געווען אין מײַן פֿריסטער קינדהייט. איך האָב נאָר-וואָס אָנגעהויבן תּנך. און צווישן די גרויסע העלדן מײַנע, ווי יהושע בן נון, גדעון און יפֿתּח, איז סקאָבעלעוו געווען דער אײנציקער ניט-ייִד. געדענק איך, ווי אײן מאָל בין איך געגאַנגען זען דעם טריומף-טויער, וואָס מען האָט אין מינסק צו זײַן קבלת-פּנים געבויט. קוק איך און דערמאָן זיך מיט אַמאָל אָן יפֿתּחן, ווי ער איז אויך געקומען אַ גיבור-חיל פֿון מלחמה און דורכגעריטן געוויס אַזאַ טויער, און דערנאָך האָט ער געמוזט אָפּפֿערן צו גאָט זײַן בת-יחידה — די מעשה, וואָס האָט געפּײַניקט מײַן קינדערשע פֿאַנטאַזיע. נעם איך

אויספּרעגן מיט אַ ציטערדיקער שטים דעם טאַטן, צי סקאָבעלעוו האָט אַ טאָכטער און צי וועט זי אַרויסקומען אַנטקעגן אים צום טויער? דער טאַטע האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, געכאַפּט וואָס מיך קווטשט און זיך הויך צעלאַכט:

— ניין, זונעלע! האָב קיין מורא ניט. סקאָבעלעוו איז נאָך אַ בחור.

פּלעג איך שבת, מיט נאָך קליינע יינגלעך, שפּהן לאַנג אָפּוואַרטן סקאָבעלעוון בײַם הויף פון זיין וווינונג. און פּלעגן מיר אים דערזען אויף זײַן הויכן ווײַסן פערד, מיט זײַן בייזער באָרד און גוטמוטיקן שמייכל, פּלעגן מיר נאָכלויפן און שרײַען: „הוראַ, סקאָבעלעוו". איין מאָל, אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן, גייענדיק אין חדר, האָב איך דערזען סקאָבעלעוון אויפן ווײַסן פערד מיט די פליגל-אַדיוטאַנטן און אַן אַרמיי און האַרמאַטן, אַרויסמאַרשירנדיק ערגעץ-ווו. האָב איך זיך באַלד פאַרקירעוועט און איך אָוועקגעשפּרײַזט מיטן חייל, ביז אַ באַקאַנטער ייד האָט מיך דערזען שוין עק שטאָט און ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר די צעפראָרענע אויערן און געבראַכט אַהיים.

און וועגן אָט דעם העלד מײַנעם האָב איך עס געהערט, אַז ער האָט ערגעץ ווו גערעדט ווי אַ חצוף, אַז ער וועט צושטיין צו דער „חבֿרה סאָציאַליסטן", ווײַל ער איז ברוגז פאַרן שלום מיטן טערק.

איך האָב געהערט די מעשה אין בלומקעס קלויז, ווו מײַן טאַטע האָט געדאַווענט — ווי אַלע אַזעלכע מעשיות, פרייטאָג-צו-נאַכט נאָך מעריבֿ. די בימה אין בלומקעס קלויז איז געווען אַ נידעריקע, אָן טרעפּלעך, און די דאַווענער זײַנען געווען על-פּי-רובֿ יידן לומדישע, מיט גוטע קעפּ און שלעכטע אַפּעטיטן. האָט מען צו די געפילטע פיש און צו די לאָקשן זיך שטאַרק ניט געאײַלט. פּלעגט מען זיך אַרומשטעלן נאָכן דאַווענען אַרום בימה, קאַפּעליוש צו קאַפּעליוש, שבתדיק אויפגעלייגט, מיט די הענט אין די בערד, און מען פּלעגט זיך פאַרטיפן אין וועלט-פּאָליטיק. דערציילט האָט די סענסאַציאָנעלע מעשה וועגן סקאָבעלעוון דוד-חיים דער מלמד, וואָס פּלעגט שוין לייענען אַפילו דעם „גאָלאָס".[1] געדענק איך, ווי דאָס וואָרט „סאָציאַליסטן" האָט ער אַרויסגערעדט עפּעס מאָדנע שטיל און שרעקעדיק, כּמעט ווי אַרײַנגעשושקעט אין די אויערן, און דערבײַ האָט ער זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט אויף די עטלעכע הענגלײַכטערס. דאָס האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט. איך האָב זיך געגנוג אָנגעהערט וועגן קאַטערמייסלעך און וועגן דעם מכשף אַלקאַדער און וועגן די רויטע יידלעך הינטערן סמבטיון — אַלץ פאַנטאַסטיש, שרעקלעך, אָבער ווײַט. און איצט האָב איך דערהערט וועגן די סאָציאַליסטן, פאַר וועלכע מען שרעקט זיך נאָך מער. פאַר וואָס — האָב איך ניט פאַרשטאַנען. אין איך האָב זיך פאָרגעשטעלט די סאָציאַליסטן אין סקאָבעלעווס געשטאַלט, ווי העלדישע בעלי-מלחמה, מיט פנימער פול באָרד אויף הויכע, פײַערדיקע פערד און מיט פליגל-אַדיוטאַנטן אַרום און אַרום.

סקאָבעלעוון האָט מען אין גיכן אַוועקגעשיקט אויף אַ נײַער מלחמה אין צענטראַל-אַזיע. אין נאָענטן, אייראָפּעיִשן מזרח האָבן די שטאַרקע שכנים ניט דערלאָזט, אַז די צאַרישע מלוכה זאָל זיך אויפן חשבון פון טערק ווײַטער אויסשפּרייטן. האָט מען לויט דער אַלטער צאַרישער טראַדיציע געזוכט זיך אויסצושפּרייטן ווײַטער אין ווײַטן אַזיאַטישן מזרח — אויפן חשבון פון די שוואַכע שכנים. אין בלומקעס קלויז האָט מען אָבער גערעדט, אַז דאָס וויל מען בפּיוון האַלטן סקאָבעלעוון באַשפּעטיקט עק וועלט. מען האָט שוין אָבער וועגן אים אַלץ ווייניקער גערעדט, און איך האָב וועגן אים אַלץ ווייניקער געטראַכט.

---

[1] אין יענער צײַט אַ באַקאַנטע רוסישע צײַטונג אין פּעטערבורג, אונטער דער רעדאַקציע פון א. קרײַעווסקי. אין די 70ער יאָרן און שפּעטער איז „גאָלאָס" געווען אַ קאָנסערוואַטיווע צײַטונג, אָבער זי איז געווען געלייענט פון יידן, ווײַל אין די 60קער יאָרן האָט זי פאַרטיידיקט ליבעראַלע אידעען. — רעד.



ליבע גינזבערג־וואַלט

(ליעסינס פֿרוי, „געסט״ 1912)



א. ליעסין

(אין די יונגע יאָרן)

איין מאָל, אין אַזאַ פֿרײַטאָג-צו-נאַכט, האָב איך געהערט אַ מעשה נורא, וואָס האָט מײַן פֿאַנטאַזיע אין גאַנצן פֿאַרכאַפּט. מען האָט דערציילט, אַז צו אַ געוויסער אַפּטייק אין שטאָט איז בײַנאַכט פּלוצלונג צוגעפֿלויגן אַ דראָזשקע. אַ מאַן, מיט אַ שוואַרצער פּאַטשיילע אַרום פּנים, איז אַראָפּגעשפּרונגען, אַרײַנגעפֿלויגן אין אַפּטייק, אַ כאַפּ געטאָן איינעם פֿון די פּראָוויזאָרן, אַ וואָרף געטאָן אים אויפֿן פּנים נאָך אַ שוואַרצע פּאַטשיילע, ביידע זײַנען זיי כּהרף עין אַרויסגעלאָפֿן און האָבן זיך ווי אַ ווינטער אָוועקגעטראָגן אין דער דראָזשקע. אַ פּאָר מינוטן שפּעטער זײַנען געקומען צו קלינגען די זשאַנדאַרן מיט די שפּאָרן, האָבן געזוכט דעם פּראָוויזאָר און זײַנען געבליבן מיט אַ נאָז. „דאָס איז פֿון דער חבֿרה, פֿון די סאָציאַליסטן!“—האָט דער דערציילער, אַ דערבײַיִקער שכן, שטילער-הייט געפּלאַטערט. און אַלע ייִדן אַרום בימה זײַנען געשטאַנען פֿאַרגאַפּטע, מיט אָפֿענע מײַלער.

אויף מאָרגן, באַלד נאָך וואַרמעס, בין איך אַוועק צו יענער אַפּטייק. איך האָב זיך דאָרט לאַנג אַרומגעדרייט און גאָרנישט באַמערקט. די סאָציאַליסטן אָבער זײַנען מיר שוין אויסגעקומען שרעקלעך, ווי די קאַטערמײַסלעך. זיי פֿלעגן זיך טראָגן פֿאַר מײַנע אויגן—אַזוינע, וואָס פֿליען, ווי אַ ווינטער, בײַנאַכט אויף דראָזשקעס, מיט שוואַרצע פּאַטשיילעס אַרום די פּנימער און רײַסן זיך אַרײַן אין אַפּטייקן און כאַפּן אַרויס פֿון דאָרטן פּראָוויזאָרן.

## II

### די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, די מעשׂיות וועגן די טעראָריסטן און דער אײַנדרוק אויף מיר

און די מעשׂיות אַרום בימה אין בלומקעס קלויז זײַנען געוואָרן אין די פֿרײַטאָג-צו-נאַכטן אַלץ פֿאַרכאַפּנדיקער, געהיימניספֿולער, סומנער.

די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ האָט ענערגיש גענומען דורכפֿירן איר פּראָגראַם פֿון טעראָר. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די געוואַגטע אַטענטאַטן, די מאָרדן פֿון די הויכע טשינאָווניקעס, דער פֿאַנטאַסטישער געיעג אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן—דער וווּנדער-לעכער צווייקאַמף צווישן אַ הײַפֿעלע העלדן און דער גאַנצער אומגעהײַערער מאַכט פֿון דעם צאַריזם. און אָפּגעהילכט האָט עס, און אויף אַ גוזמאדיקן אופֿן, אויך אַרום בימה אין בלומקעס קלויז. מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם פֿלעגט מען דערציילן און קאָמענטירן די נײַעס, וואָס זײַנען געוואָרן אַלץ שפּאַנענדיקער. און אין דער היים פֿלעגן די הויזגעזינדן אַלץ לענגער וואַרטן אויפֿן קידוש. אין אָנהייב האָט מען זיך נאָך געוויצלט. אַ ייִד, למשל, האָט גענומען אַ צו שטאַרקן שמעק טאַבאַק און מיט אַ קראַך זיך צענאָסן. האָט דער טאַטע אַ זאָג געטאָן: „זעט, מיט אַזאַ מאַטעריאַל קענט איר דאָך אויפֿרײַסן אַ דוואָ-רעץ!“—אַן אָנצוהערעניש אויפֿן אויפֿרײַס אין ווינטער-פּאַלאַץ. מיט יעדער וואָך איז אָבער געוואָרן אַלץ אימהדיקער: ווער ווייס, וואָס דער סוף וועט נאָך זײַן, וואָס ייִדן קענען נאָך דערוואַרטן! אויפֿן יורש-עצר, דעם צוקונפֿטיקן קייסער אַלעקסאַנדער דעם דריטן, האָט מען געזאָגט, אַז ער ברעכט קאָפּיקעס, אָבער אין מאַרך איז ער שוואַך. קיין גוטס האָט מען פֿון אים ניט דערוואַרט. עס איז מיר געבליבן אין זכּרון אַ פֿראַזע פֿון טאַטן: „לאָריס-מעליקאָוו[2]—אַזאַ גאָלדענע האַרץ! זאָל נאָר גאָט געבן אים און דעם קייסער אַריכות-ימים!“—און דער טאַטע האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן. ייִדן האָבן געפֿילט, אַז עס טראָגט זיך אויף זיי עפּעס פֿאָרכטיקס. און די טיף געצקנייטשטע לומדישע שטערנס האָבן זיך נאָך טיפֿער געקנייטשט, און די טרויעריקע ייִדישע אויגן האָבן נאָך טרויעריקער געקוקט.

[2] לאָריס-מעליקאָוו איז געווען אינערן-מיניסטער אין די לעצטע יאָרן פֿון אַלעקסאַנדער II און האָט געהאַט פּאָליציַי-דיקטאַטאָרישע רעכט; ער האָט געגאָלט, פֿאַר אַ „ליבעראַל“ און האָט פּראָיעקטירט אַ באַגרע-נעצטע קאָנסטיטוציע פֿאַר רוסלאַנד; געווען שטאַרק באַקעמפֿט פֿון די רעאַקציאָנערן. — רעד.

און איך בין געשטאַנען לעבן טאַטנס פּאָלעס, אַ נײַן-יאָריק ייִנגל, און געשלונגען די מעשׂיות און געגלייבט. און פֿון אַלע מעשׂיות האָט מיך צום שטאַרקסטן פֿאַרכאַפּט אַ מעשׂה וועגן עפּעס אַ נוס פֿול מיט סם, וואָס איינער פֿון די סאָציאַליסטן האָט בײַם אַרעסט זײַנעם אַרונטערגעשלונגען.

איך בין געווען קינדווײַז זייער סענסיטיוו — אַ פֿריילעכער, אַ קרעפּטיקער, אָבער ביז קרענקלעכקייט סענסיטיוו. פֿלעג איך הערן אַ שרעקלעכע מעשׂה, פֿלעגט עס באַלד בײַ מיר ווערן אַ שרעקלעכע איבערלעבונג. ווען איך בין נאָך געווען אַ יאָר זעקס, האָט מען איין מאָל אין הויז צופֿעליק איבערדערציילט אַ מעשׂה, וואָס האָט נאָך מיט יאָרן פֿריער פּאַסירט אין אַ קראָם אין מינסק—ווי צוויי קינדערלעך זײַנען אומבאַמערקט אַרײַן אין אַ קאַסטן, אַן אויסגעליידיקטן פֿון שניט-סחורה, האָבן זיך דאָרט פֿאַרשפּילט און אַנטשלאָפֿן געוואָרן, און דערנאָך האָט זייער אייגענע מאַמע, די קרעמערקע, צוריק אַרײַנגעוואָרפֿן די שניט-סחורה אין קאַסטן, אים פֿאַרהאַקט —און די קינדער דערשטיקט. איך האָב זיך באַלד געגומען פֿאָרשטעלן, ווי די קינדערלעך כאַפּן זיך אויף, רײַסן זיך, רופֿן די מאַמען, פּרוּוון זיך אויפֿהייבן. און ווי אַ קאָשמאַר האָט די פֿאָרשטעלונג מיך פֿאַרפֿאָלגט. איך האָב אַלץ געזען די צעפּײַניקטע פּנימלעך, געהערט די פֿאַרשטיקטע קולכלעך, געפֿילט די יסורים פֿון די קינדער. אַ פּאָר טעג פֿלעגט עס מיך אָפּלאָזן, און דערנאָך פֿלעגט עס ווידער אויפֿרײַסן, ווי אַ ווונד, מיר אין מוח. עס האָט געדויערט חדשים, ביז איך האָב זיך דערפֿון באַפֿרײַט, ווי מען באַפֿרײַט זיך פֿון אַ היצקרענק. אַ געוויסע צײַט שפּעטער האָט מען ווידער דערציילט אין הויז אַ מעשׂה, ווי אַ מאַמע האָט געלאָזט אַ קליין קינד אויף אַ ווײַלע אין בעט מיט שוועבעלעך צום שפּילן זיך, און די שוועבעלעך האָבן זיך אָנגעצונדן, און דאָס קינד איז פֿאַרברענט געוואָרן. האָט ווידער זיך איבערגעחזרט דאָס אייגענע. זיצנדיק, שטייענדיק, גייענדיק האָב איך אַלץ געזען דאָס קינד, ווי עס צינדט זיך אָן, געהערט די גוואַלדן, געפֿילט די מוראדיקע ברענעניש. ווידער האָט גענומען חדשים, איידער איך האָב זיך פֿון קאָשמאַר באַפֿרײַט. און נאָך מיט אַ זומער פֿריער האָט געטראָפֿן, אַז איך בין תּשעה-באָבֿ אַוועק מיט אַ חבֿרה אויפֿן אַלטן בית-עולם, וווּ עס ליגט דער „סדר-הדורות",[3] און מיר זײַנען דאָרט געקראָכן אויף די אַלטע באַרנבוימער, געבראָכן די צווײַגן, אַרונטערגעטרייסלט די באַרעלעך, געקליבן זיי און געקײַט. אָהיים בין איך געקומען אַ צעפּלאָמטער, אַ צעדראַפּעטער, מיט אַן אַראָפּגעריסענעם שטיק אַרבל און זייער אַ שווערן געוויסן. דער טאַטע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מיר האָבן געהוליעט אויף די בית-עולמס (אין מינסק זײַנען זיי פֿאַראַן גאַנצע דרײַ). איך האָב זיך געריכט אויף פּעטש. אָנשטאָט דעם האָט דער טאַטע מיר דערציילט אַ מעשׂה, ווי מען האָט איין מאָל אויף אַ בית-עולם אָפּגעבראָכן אַ צווײַג פֿון אַ בוים, און עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ קרעכצעניש—דער צווײַג האָט געקרעכצט. נו, מער האָט ער ניט געדאַרפֿט! פֿון אַלע זײַטן איבערן הויז האָב איך געהערט קרעכצענישן פֿון צווײַגן. און נאָך שוידערלעכער: איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם „סדר-הדורות", וואָס ער פֿלעגט קומען, ווי קינדער פֿלעגן דערציילן, נאָך האַלבער נאַכט אין דער קאַלטער שול דאַווענען בציבור מיט די מתים. און איך האָב אים דערזען אין קיטל און טלית, צווישן די קרעכצנדיקע צווײַגן, ווי ער שטייט אין זײַן פֿולער הייך און פּינטלט צו מיר מיט די טויטע אויגן. איך האָב גענומען פֿיבערן און זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ פּאָר וואָכן— אפֿשר ווײַל די באַרעלעך זײַנען געווען ניט-צײַטיקע. פֿון היץ האָב איך מסתּמא אַלץ גערעדט פֿון די קרעכצנדיקע צווײַגן, ווײַל דער טאַטע, געדענק איך, פֿלעגט וואַכן איבער מיר נעכט, קוקן מיר אין די אויגן, גלעטן אַלץ און מורמלען:

— דו נאַרעלע, נאַרעלע! צווײַגן קרעכצן ניט, צווײַגן קענען ניט קרעכצן!

---

[3] אַזוי האָט מען גערופֿן דעם מינסקער רבֿ יחיאל בר' שלמה היילפּרין (1746—1670), דעם מחבר פֿונם באַרימטן היסטאָריש-כראָנאָגראַפֿישן ווערק „סדר הדורות" (קאַלסרוהע 1769).—ר ע ד.

און איצט האָט מיך ווידער אַזוי גענומען פֿאַרפֿאָלגן די מעשה מיטן אַרונטערגעשלונגענעם נוס, וואָס איז געווען אָנגעפֿילט מיט סם. מען האָט דערציילט, אַז דער סאָציאַליסט, אַ געוועזענער פֿאָלקס-לערער (געוויס האָט זיך דאָס גערעדט וועגן סאָלאָוויאָוון, וואָס האָט מיט אָנדערהאַלבן יאָר פֿריער געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן),[4] האָט אויסגעשאָסן פֿון אַ פּיסטאָלעט איינציקע מאָל אויפֿן קייסער און ניט געטראָפֿן. האָבן זיך פּאָליציי-לײַט, זשאַנדאַרן און פֿאַרבײַגייער געוואָרפֿן אויף אים און געשלאָגן אים מכּות רצח. ער האָט אָבער נאָך באַוויזן אַרונטערצושלינגען אַ נוס מיט סם. ער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט אים פֿאַרן טויט פֿיל פּײַניקן; אַזוי האָט דערקלערט דער דערציילער. און אָט האָב איך ווידער גענומען איבערלעבן אין פֿאָרשטעלונג אַלע שרעקלעכע פּרטים, ווי צענדלינגער געזונטע יונגען האַקן אים מיט די פֿויסטן, און אינעווייניק ברענט אין אים דער סם. איך בין שוין דעמאָלט געווען ווײַט אַרײַנגעפֿאָרן אין גמרא, פֿאַרשטאַנען גוט אַ תּוספֿות. און עס האָט שוין געאַרבעט פּײַנלעך און פֿיבעריק ניט נאָר די פֿאַנטאַזיע, נאָר אויך דער געדאַנק: צוליב וואָס האָט דאָס דער לערער געטאָן? ער האָט דאָך געוווּסט, אַז ער גייט אויף מוראדיקע עינויים און טויט; אַנדערש וואָלט ער דאָך ניט אָנגעגרייט דעם נוס מיטן סם. טאָ צוליב וואָס האָט ער דאָס געשאָסן אויפֿן קייסער?

די אַרומיקע האָבן וועגן דעם ניט גערעדט—אפֿשר ניט געקלערט אַפֿילו. וויפֿיל איך גראָב זיך אין מײַן זכּרון, קען איך זיך ניט דערמאָנען קיין איין שלעכט וואָרט, אָבער אויך ניט קיין איין גוט וואָרט וועגן די סאָציאַליסטן. עס איז נאָר געווען סענסאַציע, דערשטוינונג, אימה. אַפֿילו דאָס וואָרט „סאָציאַליסטן" האָט מען שוין מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן. מען פֿלעגט ריידן נאָר וועגן „זיי", דערציילן אַלץ וועגן „זיי". מיטגעפֿילט האָט מען אָבער-מיטן קייסער. אין בלומקעס קלויז האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער געגאָלטן פֿאַר אַ מלך חסד. אמת, פֿון זײַנע חסדים האָבן גענאָסן דערהויפּט די רײַכע ייִדן, פֿון וועלכע די רעגירונג אַליין האָט נאָך מער גענאָסן. און אין בלומקעס קלויז זײַנען, מיט אַ פּאָר אויסנאַמען, קיין רײַכע ייִדן ניט געווען. די מערסטע דאַוונער, צווישן זיי אויך מײַן טאַטע, זײַנען געווען אָרעמע מענטשן. דער עלטערער דור האָט אָבער נאָך געדענקט מיט שוידער אַלעקסאַנדערס טאַטן, דעם ווילדן רשע ניקאָלאַי דעם ערשטן—„ניקאָלאַיקע ימח שמו", ווי מען פֿלעגט אים שטילערהייט רופֿן. מען האָט נאָך געדענקט מיט שוידער די קאַנטאָניסטן און די אַנדערע פֿינצטערע גזירות, וואָס אַלעקסאַנדער האָט אָפּגעשאַפֿט. און מען האָט זיך באַנוגנט מיט די ברעקלעך, מיט די קליינע פֿאַרלײַכטערונגען, וואָס ער האָט פֿאַר קליינע גרופּעס ייִדן צוגעוואָרפֿן. רײַכע סוחרים, וואָס האָבן געקענט צאָלן דעם צינז פֿון אַ גילדע; אויסגעשטודירטע, וואָס זײַנען דאָס רובֿ געווען די זין און די איידעמס פֿון די רײַכע סוחרים; שפּעטער שוין אויך געוויסע בעל-מלאָכות, כּל זמן זיי האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט זייער מלאָכה—אַלע האָבן זיי שוין אַן אַ טויפּצעטל געמעגט וווינען אויסערן ייִדישן „תּחום". און ייִדן האָבן געוואַרט, מיט אויפֿגעלויכטענע הערצער און אָנגעפֿליגלטע האָפֿענונגען געוואַרט אויף נאָך אַזעלכע ברעקלעך. ייִדן זײַנען דאָך אַזעלכע מסתּפּקים במועט!

לויט די געשפּרעכן פֿון אָט די ייִדן מיט די שאַרפֿע מוחות, וואָס איך געדענק, האָב איך דעם אײַנדרוק, אַז אין בלומקעס קלויז האָט מען געהאַלטן די סאָציאַליסטן פֿאַר ווונדערלעכע בריות. זיי האָבן געקענט מינעווען די רעלסן אונטער דער אײַזנבאַן, וווּ דער קייזער האָט געדאַרפֿט דורכפֿאָרן, אויפֿרײַסן דעם ווינטער-פּאַלאַץ, דורכגראָבן אַ טונעל, כּדי צו באַגנבֿענען („קאָנפֿיסקירן" אויף זייער לשון) אַ „קאַזנאַטשעיסטווע". אָבער צו קענען אויספֿירן, אַז „פֿאָניע" זאָל אָננעמען דעם סדר-העולם פֿון דעם פֿראַנצויז, אָדער אַפֿילו פֿון דעם דײַטש—דאָס האָט מען אין בלומקעס קלויז ניט געגלייבט. „מיט קיין דינאַמיט וועלן ,זיי' דאָס ניט אויספֿירן", — האָט מײַן טאַטע געזאָגט.

[4] דער אַטענטאַט פֿון סאָלאָוויאָוון איז פֿאָרגעקומען דעם 2טן אַפּריל 1879.—רעד.

און אָט די מעשה מיטן נוס, וואָס האָט מיך טיף אויפגעטרייסלט, האָט געוועקט אין מײַן נשמה ניט נאָר אַ נאָגנדיקן רחמנות, נאָר אויך אַ סימפּאַטיע צו „זיי", די סאָציאַליסטן — אַ ניט קלאָר פֿאַרשטאַנענע, אָבער אַ וואַרעמע. די פּאָליטיק האָב איך נאָך ווייניק באַנומען. דער קייזער און זײַן פּאַלאַץ זײַנען געווען אַזוי ווײַט פֿון מײַן פֿאָר־שטעלונג. אָבער אָט די מענטשן, וואָס גייען אויף סכּנת־נפֿשות און שלינגען ניס מיט סם כּדי צו ראַטעווען זיך פֿון פּײַניקונגען, זײַנען מיר שוין געווען נאָענט. איך בין געוואָרן זייער קליינינקער מיטפֿילער, זייער געהיימער פֿרײַנד — דער איין־איינציקער אין בלומקעס קלויז.

אין טאַטנס ספֿרים־אַלמער, צווישן די גרויסע גמרות און חומשים און תּנכן, זײַנען אויך געווען קליינינקע ספֿרימלעך מיט רשי־כּתבֿ, וואָס איך האָב זייער פֿרי אָנגעהויבן לייענען. דאָס זײַנען געווען די אַלטע ייִדישע כראָניקעס „עמק הבכא", „שבֿט יהודה", „שארית ישראל", דער אַרײַנפֿיר צו דער גרויסער מאַרטיראָלאָגיע פֿון דער ייִדישער געשיכטע — ברענענדיקע שטראָמען ייִדישע טרערן און בלוט, אײַנגעוויקלטע אין אַלטינקע, פֿאַרגעלטע בלעטלעך. דעם טאַטן אָבער איז מײַן זיצן איבער זיי געווען ניט צום האַרצן. דאָס האָט מיר געשטערט אין לערנען. ווען איך פֿלעג זיך פֿוילן דאַווענען אַפֿילו, פֿלעגט עס דעם טאַטן שטאַרק ניט אַרן. „אַבי נאָר לערנען!" — פֿלעגט ער זאָגן, תּנך האָט ער אַליין ליידנשאַפֿטלעך ליב געהאַט. און ער צוזאַמען מיט מײַן רבין, ר' שאול קאַרעליטשער, אַ דימענטענער מענטש, וואָס זײַן פֿײַערלעכע שטים קלינגט מיר נאָך עד היום אין די אויערן, ווען איך עפֿן אויף אַ תּנך, — ביידע האָבן זיי אײַנגעפֿלאַנצט אין מיר אויפֿן גאַנצן לעבן אַ הייסע ליבע צו תּנך. דער עיקר איז אָבער אַלץ געווען גמרא און גמרא. צו זיבן יאָר האָב איך שוין אָנגעהויבן גמרא. ווען איך בין אַלט געוואָרן אַכט יאָר, איז שוין דעם טאַטן ווייניק געווען איין מלמד און איין גמרא, פֿלעגט ער זומער דינגען פֿאַר מיר אַ קלויזניק, אַז ער זאָל בין מנחה למעריבֿ לערנען מיט מיר אַ צווייטע גמרא. דער תּירוץ איז געווען, אַז איך „זאָל ניט אַרומלויפֿן מיט די באָדיונגען". אין אמתן אָבער איז דעם טאַטן אַלץ ווייניק געווען. „שטאָפּ אים ווי אַן אָקס!" — האָבן געראָטן די אַלטע חכמים. און דער טאַטע האָט אין מיר געשטאָפּט די גמרא און געשטאָפּט. פֿלעג איך באַהאַלטע־נערהייט, פֿאַר אַ קליין לעמפּעלע אין אַ ווינקל, זיצן גאַנצע נעכט איבער אָט די אַלטע כראָניקעס, וויינען איבער זיי, שווערן זיך מיט הייסע שבֿועות פֿאַרן פֿאַרגאָסענעם בלוט פֿון די קדושים, אַז איך וועל זיך אויפֿפֿירן ווי זיי. און איך פֿלעג ברענען מיטן פֿאַר־לאַנג איבערצולעבן אַזעלכע גזירות, ווי זיי, און איך פֿלעג חלומען און פֿאָרשטעלן זיך, ווי אַזוי איך וועל נאָכפֿאָלגן זייער בײַשפּיל. אַפֿילו אין דער פֿרי בײַ דער גמרא פֿלעגן די אַלע פֿאַרפּײַניקטע אויף קידוש־השם שטיין פֿאַר מיר אין זייער שטראַלנדיקער פֿאָרכ־טיקייט. די פֿאַרשפּיצטע פּאָליטישע עקאָנאָמיע פֿון בבֿל און די שאַרפֿע דריידלעך פֿון די „העלדער פֿון לוד" זײַנען מיר ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען. מײַן געדאַנק איז געווען ניט מיט די יוריסטן פֿון סורא און פּומבדיתא און נהרדעא, נאָר מיט די קדושים פֿון מגנצא און ווירמישא און טולטולא.[4a]

און אין דער מעשה וועגן לערער, וואָס איז געגאַנגען מיטן אָנגעגרייטן סם צו שיסן אויפֿן קייסער, האָב איך דערפֿילט דעם זעלבן ציטער, וואָס איך האָב געפֿילט אין די אַלטע ייִדישע כראָניקעס. עס האָט אַ ווײַ געטאָן מיט קידוש־השם.

מײַן זיידע, מײַן מאַמעס טאַטע, ווען ער פֿלעגט נאָר זײַן ימים־נוראים אין מינסק, פֿלעגט ער אויך דאַווענען אין בלומקעס קלויז, אויפֿן אָרט, וווּ זײַנע עלטער־זיידעס האָבן נאָך געדאַוונט. יום־כּיפּור, צו „אלה אזכרה",[4b] וווּ עס ווערט פֿאָרכטיק איבערגעגעבן די געשיכטע פֿון די עשרה הרוגי־מלכות, פֿלעגט ער מיך נעמען צו זיך אונטערן טלית.

---

[4a] אין דער עלטערער רבנישער ליטעראַטור האָט מ אַ י נ ץ געהייסן מגנצא, וו אָ ר מ ס — ווירמיישא און ט אָ ל ע ד אָ — טוליטולא („תּקנות טוליטולא"). — ר ע ד.

[4b] אויף דעם זעלביקן סוזשעט געפֿינט זיך אויך אין די „קינות" אַ פּיוט אונטערן נאָמען „ארזי הלבנון".

און דאָס זײַנען געווען די שטאַרקסטע אײַנדרוקן פֿון מײַן קינדהייט. עס טראָגט זיך דורך דער קלויז אַ גוואַלדיקער גערויש, אַזוי ווי פֿון פֿיל וואַסערן – אַ ים פֿון קאָכיקע יִדישע טרערן. און פֿון יעדן ווינקל שטײַגן אַרויס און פֿלאַטערן פֿאַרבײַ די געשטאַלטן פֿון די הרוגי-מלכות—דער גרויסער רבי עקיבא, וואָס מען צעפּליקט אים אויף שטיקער מיט אײַזערנע קאַמען; דער נשיא רבי שמעון, וואָס מען האַקט אים אָפּ דעם קאָפּ און זײַן צונג לעקט די ערד; דער הערלעכער רבי חנינא בן תּרדיון, וואָס מען וויקלט אים אײַן אין אַ ספר-תּורה, מיט נאַסע וואָל אויפֿן האַרצן, און מען וואַרפֿט אים אַרײַן אין פֿײַער; דער הויך-איידעלער, בילדשיינער רבי ישמעאל כּוהן גדול, וואָס די פֿאַרליבטע קיניגס טאָכטער לאָזט פֿון אים אָפּשינדן, אין וואַנזיניקער לײַדנשאַפֿט, לעבעדיקערהייט די הויט. און איבער מיר שטייט דער זיידע און פֿלייצט מיר אויפֿן קאָפּ זײַנע ברענענ-דיקע טרערן, און אויסגעוויקט בין איך אין זיי, אויסגעקאָכט אין זיי.

און אויב מיר, אַ נײַן-יאָריקן יִנגל פֿון אַ פֿרום יִדיש הויז, וואָלט דעמאָלט ניט אײַנגעפֿאַלן גאָר צו פֿאַרגלײַכן די סאָציאַליסטישע הרוגי-מלכות מיט אַזעלכע הרוגי-מלכות, ווי די צען הייליקע תּנאים—האָב איך דאָך לאַנג און פֿײַנלעך געטראָגן אין מײַן נשמה דאָס בילד פֿון אָט אַזאַ איינעם פֿון די הרוגי-מלכות, וואָס האָט אַרונטערגעשלונגען דעם נוס מיטן סם, און אַלע-אַלע האָבן אים נאָך געשלאָגן מכּות-רצח.

מיט אַ יאָר אַכט שפּעטער בין איך שוין געזעסן גאַנצע נעכט, ווידער אַזוי פֿאַר-שטעקט, ווידער אַזוי טיף-אויפֿגעטרייסלט, בײַ אַ לעמפּל ערגעץ אויף אַ בוידעם, איבער די 5 ביכלעך „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָלי"[5] וואָס איך האָב געקראָגן בסוד סודות. און ווידער איז אויפֿגעשטאַנען פֿאַר מיר אין פֿולער שטראַלנדיקער פּאָרכטיקייט אַ גאַנצע מאַרטירער-געשיכטע, די געשיכטע פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" — פֿון דער ווּנדער-לעכסטער צווישן די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. און דעמאָלט שוין האָב איך קלאָר פֿאַרשטאַנען, אַז בײַ מיר אין נשמה איז דאָס נאָר אַ המשך, נאָך אַ לאַנגער הפסקה, פֿון יענע אַלטע יִדישע כראָניקעס.

## III

### די דערמאָרדונג פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און ווי די יִדן האָבן עס אויפֿגענומען

אַרום יענער צײַט האָט מיר דער טאַטע געבראַכט דעם „משל ומליצה" פֿון קעמפּפענער רבֿ, אַ לשון-קודשדיק ספֿרל פֿון אַ פֿרום-אַלעגאָרישן כאַראַקטער אין גראַמען—די ערשטע גראַמען, וואָס איך האָב אין לעבן געלייענט. איך האָב אים דורכגעקוקט און באַלד אַליין שוין אויפֿגעשריבן אַ לשון-קודשדיקן שיר — מײַן ערשטן שיר. מײַן לײַדנ-שאַפֿט איז אָבער אַלץ געבליבן די געגרעדטע צײַטונג אַרום בימה—די דערשטוינענדיקע מעשׂיות און די פּירושים, וואָס מען האָט געמאַכט אויף זיי.

און אַזוי איז אַוועק דער ווינטער פֿון 1880—81, און עס איז אָנגעקומען פּורים. לכּבֿוד פּורים האָט מען מיר אויפֿגענייט אַ גאַרניטער מיט אַן אויבערמאַנטעלע פֿון איין קאָליר – ברוין מיט גרינלעכע קעסטעלעך. דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען באַשעפֿטיקט מיט שלח-מנות. פֿאַר נאַכט האָט מיך די מאַמע אויסגעפּוצט אין די נײַע בגדים, און מיר זײַנען אַוועק צו איר עלטסטן ברודער, צום פֿעטער מענדל. דאָרט, בײַ דער פּורימדיקער סעודה, פֿלעגט זיך צונויפֿקומען די גאַנצע משפּחה און מען פֿלעגט זינגען און זיך משׂמח זײַן ביז ווײַט נאָך האַלבער נאַכט.

בײַטאָג איז געווען אַן אָדליגע. דער שניי איז צעגאַנגען אין לוזשעס. פֿאַר נאַכט איז געוואָרן אַ פֿרעסטל און די לוזשעס זײַנען פֿאַרצויגן געוואָרן מיט אַ דינעם אײַז. איך

[5] דער זשורנאַל „Вестник Народной Воли" האָט דערשײַנט אין 1883—1886 (5 ביכלעך); גיט צונויפֿמישן מיט די אָרגאַנען פֿון דער פּאַרטיי „Народная Воля" און „Листок Народ. Воли", וואָס האָבן דערשײַנט אין די פֿריערדיקע יאָרן.—ר ע ד.

האָב זיך אָװעקגעלאָזט גליטשן, דער אײַז האָט אײַנגעבראָכן און איך האָב זיך אין גאַנצן פֿאַרשפּריצט מיט בלאָטע. די מאַמע האָט אין פֿאַרצװײפֿלונג אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און גענומען מיך אָרומװישן. װײַטער אַ ביסל — אַ נײַער גליטש און אַ נײַער שלומפּער. די מאַמע פּאַטשט װידער אין פֿאַרצװײפֿלונג די הענט און װישט װידער. צום סוף פֿאַרלירט זי די געדולד און סטראַשעט, אַז זי װעט מסרן דעם טאַטן. איך לאָך איר שעלמיש אין פּנים אַרײַן; מײַן גוטע מאַמע סטראַשעט נאָר, אָבער מסרן מסרט זי קײנמאָל ניט.

און אָט זײַנען מיר שױן בײַם פֿעטער אין הױז. דער עולם האָט שױן גענומען צו קאַפּעטשקעס, מען װאַשט זיך צום עסן און מען זעצט זיך אױס צום טיש, װען עס עפֿנט זיך די טיר, און דער טאַטע קומט אַרײַן, ניט באַגריסנדיק זיך מיט קײנעם, מיט צעצױגענע שװאַרצאַפּלס, אַ בלײכער װי קרײַד.

— „זײ" האָבן אים געפּאַקט, געפּאַקט! דערהרגעט! צעריסן!

דער עולם שטעלט זיך האַסטיק אױף. — אױ! אױ! — אַלע פֿאַרשטײען שױן. דער טאַטע דערצײלט שטיל, שעפּטשענדיק, און מאַכט מאָדנע העוויות מיטן פּנים — די גרעסטע אָנשטרענגונגען, אַז ער זאָל זיך ניט צעכליפּען.

ער איז אָקערשט פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם גובערנאַטאָרס מױער. דערזעט ער אַ רעדל. אַ טשינאָװניק איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון אַ דראָזשקע, ברעכנדיק די הענט און כליפּענדיק: „קאַקאָיע ניעסטשאַסטיע! קאַקאָיע ניעסטשאַסטיע". אין אַ װײַלע אַרום האָט מען שױן געװוּסט, אַז דער קײסער איז טױט. ער איז צעריסן געװאָרן פֿון אַ באָמבע.[6]

און װען איך דערמאָן זיך אָן דעם אומעט דעם אױפֿריכטיקן, דעם שװערן, װאָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען בײַם פֿעטער אין הױז, איבערצײַג איך זיך װידער, װי ריכטיק עס איז דער אינסטינקט, װי שאַרף עס איז דער חוש, װאָס דער אומגליקלעכער היסטאָרישער גורל האָט אַנטװיקלט בײַ אונדזער פֿאָלק. אַלע זײַנען געבליבן זיצן פֿאַרשטומטע, װי בײַ אַ אָבֿל אין הױז. אַ שעה האָט מען זיך געװאָרגן מיט דער סעודה, און מען איז דערנאָך טרױעריק זיך צעגאַנגען.

פֿאַר די ייִדישע מאַסן, װי עס איז שױן פֿריער דערצײלט געװאָרן, איז אַלעקסאַנדער דער צװײטער קײן „צאַר באַפֿרײַער" בשום אופֿן ניט געװען. די באַפֿרײַונג פֿון „פּאַנשטשיזנע", װאָס ער האָט דורכגעפֿירט מיט װײניק ערד און פֿיל צינזן פֿאַר די פּױערים, האָט געשאַפֿן אין רוסלאַנד אַ פּראָלעטאַריאַט. עס האָבן זיך גענומען אַנטװיקלען אינדוסטריע און האַנדל. און די רײַכע ייִדן זײַנען געװײנטלעך געװאָרן נאָך רײַכער. עס האָבן זיך באַװיזן ייִדישע אײַזנבאַן-מאַגנאַטן, ייִדישע מיליאָנערן. די אָרעמע ייִדישע מאַסן זײַנען אָבער געװאָרן נאָך אָרעמער. אַרום דעם נײַעם מין פּריץ און דעם נײַעם מין פּױער האָט מען שױן פֿיל װײניקער געקענט פֿאַרדינען. און בײַ אַלע זײַנע רעפֿאָרמעס האָט אַלעקסאַנדער דער צװײטער ניט געװאָלט געבן די ייִדן אַפֿילו דאָס עלעמענטאַרסטע רעכט, װאָס יעדער באַשעפֿעניש האָט — דאָס רעכט צו װױנען אומעטום. ער האָט עס געגעבן נאָר געװיסע פּריװילעגירטע גרופּעס ייִדן, אָבער ניט דעם ייִדישן פֿאָלק. אַ פּאָר ליבעראַלע מיניסטאָרן זײַנע האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און פֿאָרגעשלאָגן, לױט דעם בײַשפּיל פֿון מערבֿ-אײראָפּע, ייִדישע גלײַכבאַרעכטיקונג. אײניקע אַנדערע ליבעראַלע מיניסטאָרן האָבן פֿאָרגעשלאָגן כאָטש די אָפּשאַפֿונג פֿון ייִדישן „תּחום". ער פֿלעגט אָבער קאַטעגאָריש אַלע אַזעלכע פֿאָרשלאָגן אָפּװאַרפֿן. און דאָס איז דאָך געװען אין דער „עפּאָכע פֿון גרױסע רעפֿאָרמעס". װי אַלע ראָמאַנאָװס, איז אױך אַלעקסאַנדער דער צװײטער געװען אַ יודאָפֿאָב, אַ פֿאַרצוקערטער, אַ פֿאַרמענטשלעכטער אַ ביסל, אָבער אַ יודאָפֿאָב. און דאָך, װי עס האָט זיך באַלד אַרױסגעװיזן, האָבן די ייִדן מיט זײער אױפֿריכטיקן טרױער אױף זײַן טױט ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע.

און װי אַנדערש איז געװען די שטימונג נאָכן טױט פֿון זײַן טאַטן, ניקאָלײַ דעם ערשטן — דאָס האָט אײנער פֿון מײַנע פֿעטערס שױן דעמאָלט בײַם טיש דערצײלט: „װען

[6] דער צאַרן-מאָרד פֿון 1 מערץ 1881.

ניקאָלאַיִקע האָט אײַנגענומען, איז דאָך ביי ייִדן געווען אורה ושמחה. מען איז אין דער שטיל זיך צונויפֿגעקומען, געטרונקען לחיים און געפֿרייט זיך!״—און איצט איז געווען חושך ואפֿלה. ייִדן האָבן געפֿילט, אַז עס קומען ווידער אָן פֿינצטערע, ניקאָלאַיעווסקע צײַטן.

איך געדענק דעם טאַטנס ווערטער: „ווען דער מושל איז אַ גערעכטער, זײַנען די משרתים אויך גערעכטע. איז אַלעמען בעסער, איז ממילא אויך ייִדן אַביסל בעסער. ווען אָבער דער מושל איז אַ רשע, זײַנען די משרתים אויך רשעים. איז דאָך שלעכט אַפֿילו די אייגענע, טאָ וואָס קענען שוין ייִדן דערוואַרטן?״

און מיט אַ טאָג שפּעטער האָט זיך אַ קהל ייִדן פֿאַרזאַמלט אין גרויסן בית-מדרש. עס האָט גערעדט דער קאַזיאָנער ראַבינער. די קאַזיאָנע רייד האָט מען אָבער שוין אויפֿגענומען גאָר ניט אויף אַ קאַזיאָנעם אופֿן. ייִדן האָבן אויפֿריכטיק געטרויערט, אויפֿריכטיק געוויינט, אויפֿן קול געוויינט, און איך האָב מיטגעוויינט. פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך שוין געטראָגן דער שטאַרבנדיקער קייסער מיט די אָפּגעריסענע פֿיס, און איך האָב מיטגעוויינט.

אָבער אויך אין די פֿרייטאָג-צו-נאַכטן נאָך דער דערמאָרדונג פֿון קייסער האָב איך ניט געהערט אָרום בימה קיין איין שלעכט וואָרט קעגן די סאָציאַליסטן. פֿאַרקערט, נאָך קיינמאָל האָט מען ניט גערעדט וועגן זיי מיט אַזאַ דרך-ארץ. ווי עס איז באַקאַנט, האָט מען דעם רוסישן פּויער און דעם רוסישן אַרבעטער, וואָס איז דאָך אויך אַ נעכטיקער פּויער, באַלד שוין באַוויזן אויפֿצוהעצן, אַז די סאָציאַליסטן זײַנען עס די פּריצים, וואָס האָבן געטייט דעם קייסער דערפֿאַר, ווײַל ער האָט באַפֿרײַט די פּויערים. אויך אַלערליי קרײַזן פֿון דער רוסישער אַזוי גערופֿענער „געזעלשאַפֿט״, אַפֿילו אויך פֿון דער אינטעליגענטער, אַפֿילו אויך פֿון דער כּלומרשט ליבעראַלער, האָבן באַלד גענומען קוואַקען אין כאָר ווי זשאַבעס אַלערליי פֿלוכענישן פֿון אַלע זומפּן און בלאָטקעס איבער גאַנץ רוסלאַנד. די ייִדן אָבער, וואָס האָבן זיך דערפֿילט אַזוי געטראָפֿן פֿון דער דערמאָרדונג, וואָס האָבן זיך אַזוי געשראָקן פֿאַר די רעזולטאַטן פֿון דער דערמאָרדונג, האָבן דאָך גערעדט מיט דרך-ארץ וועגן די מערדער—וועגן זייער העלדישקייט, וועגן דער ריינקייט פֿון זייערע מאָטיוון.

און דאָס איז געווען בײַ זיי נאָר דער רעספּעקט פֿאַר מסירת-נפֿש, פֿאַר מענטשן, וואָס קענען זיך מקריבֿ זײַן פֿאַר אַן אידעאַל—דער רעספּעקט פֿון קינדער פֿון אַ פֿאָלק, וואָס איז אַליין געגאַנגען אַזוי לאַנג אויף מסירת-נפֿש און זיך מקריבֿ געווען פֿאַר אַן אידעאַל.

אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט געלאָזט פּײַניקן און פֿאַרפּײַניקן, פֿאַרמויערן אויפֿן גאַנצן לעבן, הענגען און שיסן פֿיל רעוואָלוציאָנערן. און אויף וויפֿיל אָט דער קייזערמאָרד האָט געזאָלט זײַן מער ווי אַן אויפֿטו פֿון נקמה, איז דאָס געווען אַ געשיכטלעכער טעות. אַפֿילו די שלימזלדיקע קאָנסטיטוציע, וואָס דער קייסער און לאָריס-מעליקאָוו האָבן יאָ געפּלאַנעוועט, וואָלט אויפֿגעוועקט דאָס לאַנד פּאָליטיש פֿיל מער, איידער דער קייזערמאָרד. און דאָס איז דאָך געווען די הויפּטזאַך, צו וואָס זשעליאַבאָוו און זײַנע חבֿרים האָבן מיט זייער טעראָר געשטרעבט—אויפֿצוּוועקן פּאָליטיש דאָס לאַנד. די דערמאָרדונג פֿון דעם קייזער האָט גראָד דאָס לאַנד פּאָליטיש נאָך מער פֿאַרטעמפּט, פֿאַרדולט, פֿאַרווילדערט. זשעליאַבאָוו און זײַנע חבֿרים האָבן אויף אַ צײַט אָפּגערוקט אָן אַ זײַט זייער סאָציאַליסטישע פּראָגראַם און זיך אָנגעלייגט מיט אַ גוואַלדיקער ענערגיע נאָר אויפֿן פּאָליטישן קאַמף, וואָס פֿאַר געוויסע רוסיש-רעוואָלוציאָנערע קרײַזן האָט עס גראָד קיין באַדײַטונג ניט געהאַט. דעמאָלט האָט מען אין געוויסע רוסיש-רעוואָלוציאָנערע קרײַזן געקוקט מיט פֿאַראַכטונג אויף דער „צעפֿוילטער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע״ פֿון מערבֿ-אייראָפּע—די לינקע זײַט פֿון „סלאַוויאַנאָפֿילסטוואָ״ מיטן זעלביקן פֿאַראַכטלעכן קוק אויפֿן „צעפֿוילטן מערבֿ״. זשעליאַבאָוו און זײַנע חבֿרים זײַנען

אָבער צווישן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן געווען אַזוי עקסטרעם מערבֿ-אייראָפּעיִש, אַז זיי האָבן געקוקט אַפילו אויפֿן קלאַסנקאַמף, ווי אויף אַ שטער ביז אַ צײַט צום פּאָליטישן קאַמף — אין היפּוך צו מאַרקסן, אַז יעדער קלאַסנקאַמף איז אויך אַ פּאָליטישער קאַמף. זשעליאַבאָוו האָט צוגעגעבן, אַז ער טוט דערווײַל דאָס, וואָס פּשוטע ליבעראַלן דאַרפֿן טאָן און וואָס מחמת זייער פּחדנות טוען זיי ניט, — ער פֿירט דעם פּאָליטישן קאַמף פֿאַר אַ קאָנסטיטוציע און פֿאַר דעמאָקראַטיע. אין צענטער פֿון פּאָליטישן קאַמף האָט ער אָבער געשטעלט דעם טעראָר און דעם קייזערמאָרד, ווי דעם וויכטיקסטן טעראָריסטישן אויפֿטו, וואָס דאַרף די פּחדנותדיקע ליבעראַלן אויפֿמונטערן און צום קאַמף אויפֿהייבן. דער קייזערמאָרד האָט אָבער די ליבעראַלן גראָד געמאַכט נאָך פּחדנותדיקער, נאָך אָפּהענטיקער, נאָך צוגעשטיקטער. דאָך, פֿון דעם גרויסן רעוואָלוציאָנער זשעליאַבאָוו און פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געבליבן די טראַדיציע, אַז אָן פּאָליטישע פֿרײַהייטן, אַז אָן דעמאָקראַטיע קענען די פּראָלעטאַריער אויך ניט פֿירן זייער קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם. דאָס איז די מערבֿ-אייראָפּעיִשע טראַדיציע. נאָך דורכגעליכטיקטער איז אָבער די טראַדיציע פֿון העראָיִזם, פֿון מאַרטירערטום — פֿון בײַשפּיל-לאָזן העראָיִזם און מאַרטירערטום, וואָס זשעליאַבאָוו און זײַנע חבֿרים האָבן איבערגעלאָזט פֿאַר אַלע צוקונפֿטיקע רעוואָלוציאָנערע דורות.

און ווען איך טראַכט פֿון דעם גוואַלדיקן אײַנפֿלוס, וואָס דער העראָיִשער מאַרטירערטום פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט געהאַט אויף די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, אַפילו אויף אַזעלכע, וואָס זײַנען אידעיִש געשטאַנען גאַנץ ווײַט פֿון איר, דערמאָן איך זיך אויך אָן בלומקעס קלויז אין די פֿרײַטאָג-צו-נאַכטן אין צײַט פֿון פּראָצעס פֿון זשעליאַבאָוון און זײַנע חבֿרים פֿאַרן קייזערמאָרד — ווי געפֿאַנגען זײַנען געווען אַפילו די פֿאַרצײַטיקע ייִדן פֿון דער נשמה-גרויסקייט פֿון אָט די קייזער-מערדערס.

איך געדענק קלאָר די שטימונג אין דער פֿרײַטאָג-צו-נאַכט נאָך זייער טויט אויף דער תּליה — ווי שעפּטשענדיק האָט מען דערציילט וווּנדער איבער וווּנדער וועגן די געהאָנגענע, ווי מען האָט גערעדט מיט אַ געפֿיל פֿון בושה, אָבער אויך מיט אַ ציטער פֿון רחמנות וועגן דער „טראָגעדיקער ייִדישער מיידל", וואָס „דערפֿאַר וועט מען זי ניט הענגען און מען וועט זי פֿאַרפּײַניקן נאָך אויף אַ שרעקלעכערן אופֿן אין טורמע";[7] ווי מען האָט דערציילט און איבערדערציילט אַלע פֿאַרכאַפּנדיקע פּרטים וועגן דער קעזו-קראָם, פֿונוואַנען מען האָט דורכגעפֿירט די מינע צו דער גאַס ווו דער קייזער האָט געזאָלט דורכפֿאָרן. און מײַן קינדערשע נשמה איז צעריסן געוואָרן אי פֿון אַ געפֿיל פֿון רחמנות אויפֿן דערמאָרדעטן „מלך חסד", אי פֿון אַ געפֿיל פֿון נאָך אַ טיפֿערן רחמנות אויף זײַנע געהויבענע מערדערס.

עס איז שוין געווען פֿרילינג. און אויף מאָרגן, שבת פֿאַרנאַכט, בין איך געגאַנגען מיטן טאַטן שפּאַצירן אין גובערנאַטאָר-סאָד. אויפֿן פֿײַן-אויסגעלייגטן וועגל צווישן דעם נײַעם בולוואַר און גובערנאַטאָר-סאָד האָב איך פּלוצלונג, פֿאַרגעסנדיק זיך אָן אַלע אַרומיקע שפּאַציר-גייער, גאַנץ הויך אַ פֿרעג געטאָן דעם טאַטן:

— פֿאַרוואָס האָבן „זיי" דערהרגעט דעם קייסער?

דער טאַטע האָט שטאַרק אַ דריק געטאָן מײַן הענטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זײַן האַנט. איך האָב זיך באַלד געכאַפּט, אַז מען טאָר וועגן דעם הויך ניט ריידן. און ווען מיר זײַנען געקומען אין גובערנאַטאָר-סאָד און זיך געזעצט אָן אַ זײַט פֿון אַלעמען אויף אַ באַנק, האָב איך איבערגעחזרט מײַן פֿראַגע, וואָס האָט מיך לאַנג געמאַטערט.

האָט מיר דער טאַטע געפּרוווט דערקלערן, אַז „זיי" האָבן געוואָלט אײַנפֿירן בײַ „פּאָניע" דאָס אייגענע, וואָס בײַ דעם פֿראַנצויז איז שוין לאַנג אײַנגעפֿירט — אַ „רעספּובּ-ליקע", אַ רעגירונג אָן אַ קייסער. דער טאַטע האָט ניט געוווּסט, אַז „זיי" זײַנען געווען

---

[7] געמיינט — העסיע העלפֿמאַן, וואָס האָט זיך באַטייליקט אינעם צאַרנמאָרד.

פיל מעסיקער אין זייערע פאָדערונגען; זיי האָבן געוואָלט שענקען דעם קייסער דאָס לעבן אָפילו פאַרן פרײַז פון אַ קאָנסטיטוציע אונטער דער מאָנאַרכיע.

— אָבער – האָט דער טאַטע שטרענג אַ זאָג געטאָן – איז דען אויך אַ קייסער ניט באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוקים? ניט אַלע מענטשן זײַנען קייסאָרים, נאָר איינער אין פיל מיליאָנען, אָבער אַלע קייסאָרים זײַנען מענטשן, און רציחה איז רציחה!

דער טאַטע האָט ניט געוואָלט רופן זיי, די געהאָנגענע, רוצחים, אָבער אויסגעקומען איז פאָרט אַזוי.

אַז עס איז געווען אַ גרויסער יאַקאָבינער מיטן נאָמען סען-זשוסט, וואָס האָט אַנדערש געפסקנט, - דאָס האָבן מיר ביידע, ניט דער טאַטע און ניט איך, ניט געוווּסט. סען-זשוסט האָט געזאָגט, אַז „יעדער מענטש האָט דאָס רעכט צו דערהרגענען אַ טיראַן". און ער האָט געגאָלטן פאַר זשעליאַבאָוון און זײַנע חבֿרים פאַר אַ פיל גרעסערן אויטאָריטעט איידער אַלע טאַטעס צוזאַמען. איך האָב זיך אָבער ניט געניטיקט אין סען-זשוסטן. גלײַך אויפן אָרט האָט מיר אַ בליץ געטאָן אין קאָפּ אַ מעשה פון תנך, און איך האָב באַלד דעם טאַטן אַ פרעג געטאָן:

— טאָ פאַר וואָס זשע, טאַטע, האָט אהוד בן גרא דערשטאָכן דעם קיניג פון מואב, עגלונען, אַרײַנגעהאַקט אַ שווערד אין עגלונס בויך, אַז זײַן מיסט איז אַרויס? און אהוד איז דאָך געשיקט געוואָרן פון גאָט!

דער טאַטע איז אַ ביסל מבולבל געוואָרן. ער האָט עפּעס געפּרוּווט מיר דערקלערן און גאָרנישט דערקלערט. אים איז אָבער קאָנטיק מער געפעלן געוואָרן דער אײַנפאַל. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט ליבשאַפט, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— איך האָב מורא, אַבֿרהמעל, אַז דו וועסט נאָך אויך ווערן אַ „זייעריקער".

און ער האָט מיר אַ שנעל געטאָן אין נאָז.

## IV

די פּאָגראָמען פון יאָר 1881 און זייער ווירקונג. — ייִדן און גויִים אין מינסק. — דער נעלער קלויסטער און דער שולהויף. — די גרויסע מינסקער שריפה.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען שוין געהערט אין מינסק וועגן די פּאָגראָמען אין דרום-רוסלאַנד. דעמאָלט איז מען נאָך אָפילו אין רוסלאַנד ניט געוויינט געווען צו פּאָגראָמען, און דער אײַנדרוק איז געווען אַ צעשמעטערנדיקער. די רייד אין די פרײַטאָג-צו-נאַכטן אין בלומקעס קלויז זײַנען געוואָרן אַלץ פאַרצווייפלטער: לאָריס-מעליקאָוו איז אַרונטער. דער נײַער קייזער וועט די סאָציאַליסטן בשום אופן ניט נאָכגעבן. ער פאַרנעמט זיך נאָך אויף אַן ערגערן דרך. און ייִדן ווערן דער שעיר לעזאזל. מען גיט שוין דעם מלאך-המות פולן רשות!...

איך דערמאָן זיך אַזאַ פרײַטאָג-צו-נאַכט נאָכן בלוטיקן יעליסאַוועטגראַדער פּאָגראָם. און עס קומט מיר אויפן זינען אַ באַשרײַבונג פון אַ טאַבון פערד אין פעלד בײַנאַכט, וואָס דערשמעקט, אַז דער פאַרצוקער קומט. די טויט-צעשראָקענע באַשעפענישן שטעלן זיך אויס אין אַ קרײַז, קאָפּ צו קאָפּ, און בריקען מיט די הינטערשטע פיס. די טויט-צעשראָקענע ייִדן אָבער האָבן זיך ניט געבריקעט. זיי זײַנען געשטאַנען אָרום בימה, קאָפּ צו קאָפּ, פאַרלאָרענע, פאַרפינסטערטע, און געהערט די מעשיות, און געקרעכצט און געזיפצט: דער אייבערשטער זאָל זיך מרחם זײַן! דער אייבערשטער זאָל זיך מרחם זײַן!

איך פלעג זיך אויפכאַפּן פון בייזע חלומות אין מיטן נאַכט, און איך פלעג טראַכטן און איבערטראַכטן: ווער זײַנען עס די גויִים, וואָס טוען אָפּ די רציחות? „גויִים" זײַנען בײַ מיר געווען דער אמורי, דער יבֿוסי און דער גרגשי פון חומש, אָדער דער צורר

און דער פּומר פֿון „עמק הבכא“ און „שבֿט יהודה“, אָבער ניט אונדזערע מוזשיקעס, וואָס איך פֿלעג זיי זען אויף די שבתדיקע ייִדישע גאַסן, דורכפֿליענדיק אין שרעק אויף די פֿורלעך פֿײַל־פֿון־בויגן. איין מאָל בין איך שבת־צו־נאַכט אַרײַן צו אַ באַקאַנטן שענקער, וואָס האָט מיר געוואָלט טאָן עפּעס אַ נחת־רוח. זאָגט ער צו מיר: „אַבֿרהמלע! ווילסט אַ קוק טאָן אויפֿן עם הדומה לחמור?“—און ער עפֿנט די טיר פֿון זײַן דירה צום שענק אַרײַן. איך האָב דערזען פֿאַר זיך אַ בילד, וואָס האָט געקערט צום ברעכן: אומעטום אויף די בענקלעך און אונטער די בענקלעך, אויף דער שמוציקער, פֿאַרמייקעטער פּאָדלאָגע, אין דער אָנגערייכערטער דורכנעבראָנפֿנטער לופֿט, האָבן זיך געוואַלגערט שיכּורים, זיך געהאַלדזט און געשטורכעט, געזונגען מיט הייזעריקע שטימען, געכראָפּעט און געקערט גרין און געל. און אויפֿן שוועל איז געשטאַנען דער שענקער, אַ קלוגער, אַ האָפֿערדיקער בײַ זיך, און ער האָט געלאַכט מיט אַזאַ טיפֿער פֿאַראַכטונג, אַז זײַן גאַנצער גוף האָט זיך געטרייסלט.

און טראַכטנדיק וועגן די גויִים, פֿלעגט אויפֿשטיין פֿאַר מיר אָט דאָס בילד אין שענק: זײַנען אָט די אומגליקלעכע, הילפֿלאָזע שיכּורימלעך אַזעלכע רוצחים? זײַנען זיי דאָס די מאוימדיקע גויִים, פֿאַר וועלכע מען שרעקט זיך אַזוי שטאַרק?

איך האָב געהאַט אַ חבֿר אַן עלטערן פֿון מיר מיט אַ פּאָר יאָר, וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט מיר אויפֿגעהאָדעוועט אין בלומקעס קלויז—אַבֿרהמעלע קאַפּלאַן (שפּעטער אַ באַקאַנטער ציוניסט אין מינסק און דער העלד פֿון אַ באַרימטן פּראָצעס אין מינסקער קרײַזגעריכט, הלמאַי ער האָט אָרגאַניזירט בליץ־שנעל אויפֿן אַלטן מאַרק אַ זעלבסטשוץ אין צײַט פֿון אַ סאָלדאַטסקן פּאָגראָם און מען האָט די סאָלדאַטן צעשלאָגן). פֿלעגן מיר אין די ווינטערדיקע שבת־בײַטאָגן לערנען (אָדער שטיפֿן) צוזאַמען אין קלויז. אַבֿרהמעלע קאַפּלאַן האָט האָלט געהאַט צוקער. פֿלעגט ער זיך אָפּט אַריבערכאַפּן צו זיך אַהיים נאָך אַ שטיקל צוקער און איך פֿלעג אים באַגלייטן. אַזוי ווי ער האָט געוווינט ערגעץ אַרום דער „בלאָטע“, פֿלעגט אונדז אויסקומען דורכצוגיין יאַטקע־גאַס און דעם וואַל. פֿלעגן אָט די גאַסן פֿון ייִדישן דלות אין די שבת־בײַטאָגן שוואַרץ זײַן פֿון לאָבוסעס, דערוואַקסענע בחורים און בעל־הביתלעך, וואָס פֿלעגן שרײַען און הירזשען, גאָכיאָגנדיק זיך נאָך גוייִשע פֿורלעך. די גאַנצע ברויזנדיקע ענערגיע פֿון אָט דער חבֿרה, וואָס איז מיט 15 יאָר שפּעטער אַוועק אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג, פֿלעגט עס דעמאָלט אויסגעלאָדעוועט ווערן אויף אַזאַ ווילדן אופֿן. דער פֿאָרשטייער פֿון דער מלוכה־מאַכט אין יאַטקעגאַס איז געווען דער „דעסיאַטניק“ אַלעקסאַנדער – אַ קליינינקער, שצופּלענקער אויסגעדינטער סאָלדאַטל פֿון די קאַנטאָניסטן, מיט רויטע, אייטערדיקע אייגעלעך, אין אַן אָפּגעבלאַקירטער קעפּקעלע אויפֿן אָפּגעבלאַקירטן פּנימל, שטענדיק ניט קיין ניכטערער, וואָס מען האָט אים אין דער קינדהייט איבער געוואַלד אָפּגעשמדט, און ער האָט נאָך געדענקט עטלעכע ייִדישע ווערטער. איך פֿלעג אים אַמאָל צוברענגען פֿון אונדזער גאַס אַ שטיקל קיטקע אָדער אַ שטיקל המן־טאַש און זאָגן: „אַלעקסאַנדער, זאָג וחלקלקות“. פֿלעגט ער עס קײַען מיט די פּאָר איבערגעבליבענע געלע ציינער און זאָגן אויף אַ קאָמישן אופֿן, און מיר, קינדער, פֿלעגן אָנקוועלן. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַלעקסאַנדערן פֿלעגן גאַנץ ווייניק אָנגיין אָט די שבתדיקע מהומות אין גאַס. ער פֿלעגט ערגעץ ווו זיצן און אונטערדרעמלען און זען מסתמא אין חלום די גוייִשע קלעפּ און סטוסאַקעס, וואָס ער פֿלעגט קריגן אין זײַנע קינדערשע יאָרן ערגעץ ווו אין וואָלאָגדע אָדער אַרכאַנגעלסק. און פֿלעגט חבֿרה פּאַקן אַמאָל ווו אַ „זשלאָב“ (אַ גוי אויפֿן גנבֿים־לשון), פֿלעגט אים ניט זײַן שוין וואָס מקנא צו זײַן. מיך פֿלעגט עס שאָקירן, און איך פֿלעג זאָגן צו מײַן עלטערן חבֿר: „סטײַטש, הונדערט אויף איינעם!“ – אַבֿרהמעלע קאַפּלאַן פֿלעגט שמייכלען און ענטפֿערן: „ווייסטו ניט, וואָס זיי טוען מיט אונדז, ווען זיי זײַנען שטאַרקער? זאָלן זיי אויך פֿילן אַ מאָל דעם טעם!“ – עס האָט געהייסן: אַלע מאָל זײַנען הונדערט גויִים אויף איין ייִדן, זאָל אַ מאָל זײַן הונדערט ייִדן אויף איין גוי.

און אָט פֿלעג איך ליגן אויפֿן געלעגער מײַנעם און טראַכטן מיט שוידער וועגן עפּעס, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט גאָר אַ קורצע צײַט פֿאַר דעם: איין מאָל, אין אַ ראש־חודש, ווען מען פֿלעגט לערנען אין חדר נאָר האַלבע טעג, בין איך אַוועק צום בריסקער וואָקזאַל. איך האָב ליב געהאַט צו קוקן אויפֿן לאָקאָמאָטיוו מיט דער לאַנגער קייט פֿון וואַגאָנעס, וואָס זיי גייען אַוועק, מיט רויכן און פֿײַפֿן, ערגעץ ווײַט־ווײַט אין דער גרויסער וועלט אַרײַן. בין איך אַזוי געשטאַנען ניט ווײַט פֿון די רעלסן און געקוקט. איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ גוי אין אַ בלויען העמדל, מסתמא אַן אַרבעטער בײַ דער אײַזנבאַן, און האָט מיר דערלאַנגט מיט עפּעס אַן אײַזן אַזאַ זעץ איבער דער האַנט, אַז מיר איז פֿינסטער געוואָרן אין די אויגן. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך געכאַפּט אַ שטיין און אַ וואָרף געטאָן אויף אים. האָט ער זיך אַ יאָג געטאָן נאָך מיר מיט אַ מוראדיקער רציחה. ער וואָלט מיך געוויס דערהרגעט, ווען ער כאַפּט מיך. אַ לאַנגע־לאַנגע צײַט האָב איך געפֿילט דעם שטאַרקן ווייטאָג אין האַנט, און אַ לאַנגע־לאַנגע צײַט פֿלעג איך אַלץ טראַכטן: וואָס האָט ער, דער הויכער, שטאַרקער גוי, צו מיר געהאַט? איך בין דאָך געשטאַנען אַזוי שטיל און רויִק, קיינעם ניט געטשעפּעט. און פֿלעג איך זען פֿאַר זיך אָט דעם גוי, פֿלעג איך זיך פֿאָרשטעלן אַזעלכע הונדערט גויִים אויף איין ייִדן — און אויפֿשוידערן. דאָס איז בײַ מיר געווען די פֿאָרשטעלונג פֿון אַ פּאָגראָם.

איך בין שוין דעמאָלט דורכגעגאַנגען תּנך, די ערשטע צוויי בבות אין גמרא און נאָך אַ פּאָר מסכתות, וואָס געדונגענע קלויזניקעס פֿלעגן מיט מיר לערנען אין זומערדיקע פֿאַרנאַכטן, ווי אַ צוגאָב, און בין אָנגעקומען צו אַ רבין, בײַ וועלכן איך האָב געלערנט שוין נאָר גמרא. דאָס איז געווען אַ ייִד אַ הויכער, אַ ביינערדיקער און אַ טרוקענער, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שמעקן טאַבאַק, און אין הויז בײַ אים איז געווען אַ מיידל, וואָס האָט זיך געשמירט מיט שמעקעדיקע מאַשצן. האָב איך שטענדיק געהאַט דעם מיתה־משונה־קאָליר אויף די וואָנצעס פֿון רבין פֿאַר די אויגן און דעם פּריקרען ריח פֿון פּאָמאַדע אין די נאָזלעכער. שטאַרק האָב איך געבענקט נאָך מײַן פֿריערדיקן באַליבטן, איידעלן רבי — נאָך זײַן שיינעם פּנים, נאָך זײַן פֿײַערלעכער שטים. איין זאַך איז אָבער וויל געווען: דער נײַער רבי האָט אונטערגעהאַנדלט מיט אייער און ניט געטאָן זײַן אַרבעט באמונה. איך האָב דאָס גיך באַמערקט. איין מאָל, צו וואַרמעס, הער איך בײַ אונדז אין הויז, אַז עס איז געוואָרן אַ זול אויף אייער. האָב איך שוין אויפֿן שוועל באַלד אויסגעזונגען צום רבין די בשורה אויף גמרא־לשון: „ירד השער!" דער רבי איז געבליבן זיצן מיט צעטראָגענע אויגן. און ווען איך האָב געפּרוּווט צומאַכן די גמרא פֿאַר דער באַשטימטער צײַט, האָט ער גאָרנישט געזאָגט. זינט דעמאָלט האָבן מיר, חדר־ייִנגלעך, זיך גענומען אינטערעסירן מיט די פּרײַזן אויף אייער, און מיר פֿלעגן שוין אָפּט אַרויספֿליען אַ שעה פֿריער פֿון חדר מיט אַזאַ אימפּעט, ווי פֿייגעלעך פֿון אַ שטײַגל. דער טאַטע האָט אָבער געמיינט, אַז איך טו בײַם נײַעם רבי די אמתע פּעולה אין גמרא, און ער האָט אָפּגעלאָזן די רצועה. ער האָט שוין אויפֿגעהערט דינגען קלויזניקעס, אַז זיי זאָלן לערנען מיט מיר אין די זומער־אָוונטן נאָך אַ מסכתא.

און דער אָנהייב זומער פֿון יאָר 1881, דער זומער פֿון די פּאָגראָמען, איז געווען דער ווילדסטער אין מײַן יוגנט.

מיר האָבן געוווינט אויף יורעווער גאַס, אַ פּאָר הויפֿן פֿון געלן קלויסטער, אויפֿן צווייטן גאָרן פֿון אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ בערגל. אונטן, אין טאָל, האָט געגרינט אַ ניט־פּאַרזייטער גאָרטן — דאָס איינציקע שטיקל גרין אין דער גאַנצער געגנט, ווו איך פֿלעג זיך זומער אַרומיאָגן נאָך מאַטיליעס און כאַפּן זיי מיטן אַרבע־כּנפֿותל. הינטערן גאָרטן האָט געפֿלאָסן, אַזוי צו זאָגן, די נעמיהע — ווי „די וואַסערן פֿון שלח, וואָס גייען פּאַמעלעך". אַזוי פֿלעג איך טראַכטן וועגן איר מיטן לשון פֿון תּנך. הינטער דער נעמיהע איז געלעגן יאַטקע־גאַס, ווו עס האָבן געוווינט די ריכטיקע ווײַסע חבֿרה־ניקעס, די ברידערלעך און די זינדעלעך פֿון די אויבן דערמאָנטע לאָבוסעס. איך פֿלעג זיי רופֿן

„זמזומים“ – מיט אַ נאָמען פֿון חומש. איז יאַטקע-גאַס שטענדיק געווען אין אַ צושטאַנד פֿון מלחמה מיט יורעווער גאַס. און דער קאַמפּפּלאַץ, די שדה המערכה איז געווען דער ניט-פֿאַרזייטער גאָרטן. די „זמזומים“ זײַנען געווען גרעסער פֿון אונדז סײַ אין צאָל, סײַ אין וווּקס און אין כּוח. מיר זײַנען אָבער געווען אויפֿן באַרג און זיי אין טאָל. און אַזוי ווי די מלחמה האָט מען געפֿירט מיט שטיינער, האָט אונדזער פּאָזיציע געהאַט אַ וויכטיקע סטראַטעגישע באַדײַטונג. און אָט אין אַ פֿאַרנאַכט, בשעת מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אויפֿן בערגל אַ קריגסראַט, קומען צו אונדז אונטער פֿון דערבײַיִקן הויף דעם גלחס צוויי שקצים, קאָליאַ און קאָסטיאַ (איינער פֿון זיי איז שפּעטער געוואָרן דער גלח פֿון מינסקער סאָבאָר), און דערקלערן אונדז האַלב אויף זייער לשון, האַלב מיט צייכנס, אַז זיי ווילן צושטיין צו אונדזער מחנה. איך האָב מיט די צוויי שקצים געהאַט אַן אַלטן חשבון: מיט אַ פּאָר יאָר פֿריער האָבן מיר געוווינט מיט אַ הויף נענטער צום קלויסטער, האַרט בײַם גלחס הויף. און בײַם גלח אויפֿן הויף איז אַרומגעגאַנגען אַ וווּנדערלעכע פּאַווע, וואָס האָט מיך באַצויבערט מיט אירע פֿעדערן און איר קאָקעטישן אויסזען. איין מאָל, ערבֿ ראש השנה, בין איך געזעסן רײַטנדיק אויפֿן פּאַרקאַן און אַראָפּגעקוקט מיט התפּעלות אויף דער פּאַווע אין גלחס הויף. האָבן די שקצים אָנגערייצט אויף מיר אונטן די הינט און גענומען וואַרפֿן אויף מיר שטיינער. אַזוי ווי איך האָב אויך געהאַט עטלעכע שטיינער אין קעשענע, האָב איך געענטפֿערט און טאַקע אויך געטראָפֿן איינעם אין קאָפּ. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי ביידע געפּאַקט מיך הינטער אונדזער הויף און אַראָפּגעשלײַדערט מיך פֿון בערגל און צעקאַליעטשעט מיר אַ פֿוס. געדענק איך יענעם יום-כּיפּור, ווי איך ליג מיט אַ געשוואָלענעם פֿוס ווי אַ באַרג, דורך אין פּיאָווקעס, אַ לוזשע בלוט אונטער מיר אויף אַ צעראַטע, און איבער מיר שטייען די מאַמע און דער רופֿא, און די מאַמע ברעכט די הענט און דער רופֿא טרייסט זי. איך האָב געמאַכט אַ שווײַג, ווער און ווי אַזוי מען האָט מיר דעם פֿוס צעקאַליעטשעט. דער טאַטע אָבער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס האָט אַ שײַכות צו דער פּאַווע און צו די שקצים. האָבן מיר באַלד זיך אַריבערגעקליבן אין אַן אַנדער דירה – מיט אַ הויף ווײַטער. און אָט מיט אָנדערהאַלבן יאָר שפּעטער קומען זיי, די בייזע שונאים מײַנע, און בעטן זיך, אַז מיר זאָלן זיי אַרײַננעמען אין חבֿרותא — זיי, די זין פֿון איינעם פֿון די צוויי גלחים פֿון דעם זעלביקן קלויסטער, וואָס האָט, זינט איך געדענק זיך, נאָכאַנאַנד אַלץ פֿאַראומערט מײַן קינדערשע פֿאַנטאַזיע-וועלט.

דער קלויסטער האָט געהאַט אויך אַ צווייטן גלחישן הויף, וואָס איז אַרויסגעקומען צו דער נעמיהע און צום פֿיש-מאַרק – אַ פּאָר טריט פֿון שולהויף. אַנטקעגן דעם הויף, צווישן קלויסטער און שולהויף, בין איך געבאָרן געוואָרן. דאָרט האָב איך זיך אויך אויסגעהאָדעוועט. און דער געלער קלויסטער, וואָס האָט אַרונטערגעקוקט אַזוי האָפֿערדיק מיט זײַן גלאַנציקן קופּאָל אויפֿן דערבײַיִקן שול-הויף, האָט זייער פֿרי און זייער ברענענדיק גערייצט און געצונדן מײַן קינדערשע נשמה – איבערגעלאָזן אפֿשר אַ ברענשפּור אויפֿן לעבן. אַזוי איז דאָך: וואָלטן מיר ניט געהאַט דעם באַגריף פֿון אַ טײַוול, וואָלטן מיר אויך ניט געהאַט דעם באַגריף פֿון אַ מלאך. ווו עס איז ניטאָ די פֿאָרשטעלונג פֿון טומאה, איז אויך ניטאָ די פֿאָרשטעלונג פֿון קדושה. און וואָס פֿײַנדלעכער, וואָס טמאדיקער עס פֿלעגט אַרויסטאַרטשען פֿאַר מײַנע אויגן די גרויסע, געלע באַצלמטע מאַכינע, אַלץ באַליבטער, אַלץ פֿאַרהייליקטער איז מיר געווען דער שולהויף. ווי אַ פֿינסטערער להכעיס, פֿלעגן קלינגען מיר אין די אויערן די קלויסטער-גלעקער הויך איבערן שולהויף. און אַ פֿלאָגעניש און אַ מאַטערניש זײַנען זיי געווען פֿאַר מיר אין די פֿאַרטאָגן זונטאָג אָדער אין אַ חגא, ווען זיי פֿלעגן רײַסן און אויפֿרײַסן מיט זייער ווילדן געפּילדער די אַרומיקע שטילקייט. איך פֿלעג זיך אויפֿכאַפּן, אַן איבערגעשראָקענער, און מיר פֿלעגט זיך דוכטן, אַז טויזנט טײַוואָלים שטעלן מיר אַרויס פֿון דער פֿינסטערניש זייערע לאַנגע, געלע קלינגענדיקע צינגער. אומזיסט פֿלעג איך זיך טוליען מיט די אויערן אין קישן, אַרונטער-

לייגן דעם קאָפּ אונטערן קישן, שפּרינגען נאָך שוין צום טאַטן אין בעט. די טייוולשע קלאַנגען פּלעגן דורכדרינגען אומעטום. אומזיסט פּלעג איך טרייסלען מיט די קינדערשע פויסטלעך קעגן דעם אומגעזעענעם קלינגער און ווערן זיך און אָפּגיסן זיך מיט אַ קאַלטן שווייס. עס איז ניט געווען פון דער טומאה קיין באַהעלטעניש — ווו אַהינצוטאָן זיך פון איר.

אַ כאַראַקטעריסטישער פּאַל: איך בין נאָך ניט אַלט געווען קיין פיר יאָר, ווען איך האָב איין מאָל, פּסח, גענומען פּאָדערן ברויט מיט פּוטער. מײַן גוטהאַרציקע מאַמע, וואָס האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן פון קיינעם קיין קרומע מינע, האָט געוויס ניט געקענט אָפּזאָגן איר בן יחידל. האָט זי מיך גענומען אויף די הענט, איז אַריבער מיט מיר די נעמיהע און אַרײַן צו דער גלחטע, מיט וועמען זי איז באַקאַנט געווען, און די גלחטע האָט מיר אָנגעשמירט פּוטער אויף ברויט. איך געדענק עס ווי דורכן חלום. איך געדענק אָבער גוט די אויפרעגנדיקע סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין הויז, ווען דער טאַטע האָט זיך דערוווּסט פון דעם. נאָך לאַנגע יאָרן דערנאָך פּלעגן ביידע, אי דער טאַטע און אי די מאַמע, ווערן אומרויִק, ווען זיי פּלעגן זיך דערמאָנען אָן דעם–אומרויִק פאַר מיר און פאַר מײַן צוקונפט. איך אַליין, ווען איך פּלעג זיך נאָר דערמאָנען אָן גלחישן ברויט און פּוטער, וואָס איז פּסח אַרײַן אין מיר, פּלעגט מיר דורכגיין אַ סקרוך דורכן רוקן.

און אָט קומען צו אונדז די גלחישע זינדלעך מיט אַ בקשה, אַז מען זאָל זיי אויך לאָזן האָגלען מיט שטיינער אויף די ייִדישע קעפּלעך פון יאַטקע-גאַס. עס איז געווען פּריקרע. דאָך האָט זיך געפּילט אין דעם אַ מין ניצחון, אַז מיט דער גאַנצער גבורה פון זייער קלויסטער זײַנען זיי אַלץ ניט מער ווי בלודנע חברה-לײַט צווישן אונדז.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, אויפכאַפּנדיק זיך אין דער פרי פון שלאָף, האָב איך, ווי געוויינטלעך, נאָך אויפן געלעגער גענומען מייקערן, צילעווען זיך מיט די שטיוועלעך אין די לוסטרעס אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. ערשט איך דערזע די באָבען מיט פאַר-וויינטע אויגן, מיט אַ פּנים אַ צעקרימטן פון שרעק, און זי זאָגט מיר: „הוליע, הוליע! באַלד וועלן קומען די גויים און זיי וועלן אונדז אַלעמען אויסקוילענען!"

דאָס האַרץ האָט אין מיר אַ צאַפּל געטאָן. איך פרעג אויף דער מאַמען, זאָגט מיר די באָבע, אַז די מאַמע איז אַוועק נאָכן בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון קיעוו — פון פּעטער נחום. און אָט קומט די מאַמע, אַן אויפגערעגטע, אַ צעפּלאַמטע, און זי און די באָבע זעצן זיך אַוועק לייענען דעם בריוו – לייענען און כליפּען. דאָס איז געווען אַ באַשרײַבונג פון קיעווער פּאָגראָם. דער פּעטער נחום, אַ ייד אַ ריז און אַ מוטיקער מענטש, האָט ניט געוואָלט אַנטלויפן אין די שטעלכלעך, ווען די פּאָגראָמשציקעס זײַנען באַפאַלן דעם הויף. ער האָט זיך געפּרוּווט שטעלן אַנטקעגן. האָט מען אים מיט אַן אײַזן באַלד אַוועקגעלייגט. על פּי נס איז ער ניצול געוואָרן פון טויט. שבת האָט ער, אַ צעקלאַפּטער ווי אַן עפּל, אין מנין גומל געבענטשט, און זונטאָג שרײַבט ער עס דעם בריוו, כאָטש די פּלייצע איז בײַ אים אַ צעדרוזגעטע.

אין חדר האָט מען שוין געוווּסט פון דעם קיעווער פּאָגראָם. די גאַנצע שטאָט איז פול געווען מיטן שוידער פון דעם פּאָגראָם, מיט דער מורא פון אַ פּאָגראָם אויך אַפילו שוין אין מינסק. די ייִנגלעך האָבן איינע די אַנדערע צוגעגעבן מוט מיט פאַר-שיידענע מעשיות. איין ייִנגל האָט דערציילט, אַז די קצבים גרייטן זיך, אַז די פורמאַנעס גרייטן זיך. נאָך איינער האָט דערציילט, אַז מען האָט באַשטעלט ערגעץ ווו (דוכט זיך, אין האַנטווערקער שול, וואָס מען האָט דעמאָלט גענומען אײַנאָרדענען) פיל פיל מעסערס. און זײַן פאַנטאַזיע האָט זיך צעיאָגט, ווען ער האָט גענומען שילדערן די פאָרם און די לענג פון די מעסערס. אַרויסגייענדיק פון חדר, האָבן מיר אָבער באַשלאָסן, אַז אַלע גרעסערע מעסערס זײַנען גוט. און קומענדיק אַהיים, האָב איך גלײַך גענומען אַ גרויסן קיכמעסער און פאַרשטעקט אים אין כאָלעווע. די מאַמע האָט זיך שפּעטער אָפּגעדרייט

דעם קאָפּ זוכנדיק דעם מעסער, ביז זי האָט אין מיר דערקענט, אַז ער איז בײַ מיר, און זי האָט אים מיט צרות אַרויסגעקראָגן, איידער איך האָב צעשניטן די פּוס אָדער די כאַלעווע.

און אויף מאָרגן פֿאַרנאַכט, ווי נאָר אונדזער חברה איז זיך צונויפֿגעקומען אויפֿן בערגל, און קאָליאַ און קאָסטיאַ האָבן זיך באַוויזן, האָבן מיר זיי באַלד מיט שטיינער פֿאַרטריבן.

אונדזער קריגס-פּאָזיציע איז דערמיט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די חברה אין יאַטקע-גאַס האָט זיך באַלד דערוווּסט, אַז די פֿיר ידים פֿון עשון פֿעלן שוין, און מען האָט פֿלוצלונג געמאַכט אויף אונדז אַ ווילדן איבערפֿאַל. מיר זײַנען אָבער געווען צוגעגרייט — מיט גאַנצע גריבער פֿול שטיינער. און מיר האָבן מיט גרויס לאַרעם דעם אָנגריף אָפּגעשלאָגן. עס האָט זיך צעפֿלאַקערט די מוראדיקסטע שלאַכט פֿון אַלע פֿאַרנאַכטן. קיין איין שויב אין די דערבײַיִקע הײַזער, סײַ אויף אונדזער און סײַ אויף זייער זײַט, איז ניט געבליבן גאַנץ. האָט זכריה דער איזוואָשציק, וואָס זײַן דירה איז געווען אונטער אונדז, געכאַפּט אַ האַלאָבליע און זיך אַ לאָז געטאָן צום בערגל, וואָס איז כּהרף עין אָפּגעליידיקט געוואָרן. מסתּמא האָבן אַזעלכע זכריהס געטאָן דאָס זעלבע אויך אין יאַטקע-גאַס, ווײַל אויך דאָרט איז דער רעש פֿון דער מלחמה מיט אַמאָל פֿאַרשטומט געוואָרן. זכריה איז געשטאַנען אויף דער וואַך מיט דער האַלאָבליע אויפֿן בערגל נאָך אייניקע פֿאַרנאַכטן, און — ותּשקט הארץ, עס איז אויפֿן בערגל שטיל געוואָרן.

און גראָד דעמאָלט האָב איך געהאַלטן גאַנצע נעכט אין לייענען דעם „יוסיפֿון" — געהאַלטן שוין בײַם סוף.

נאָר אייניקע ספֿרים האָבן שפּעטער אין לעבן געהאַט אויף מיר אַזאַ גוואַלדיקע ווירקונג. די בלוטיקע שאָטנס, וואָס די ווייפֿולע ייִדישע כראָניקעס האָבן געוואָרפֿן אויף מײַן קינדערשער וועלט, האָבן זיך אַ רוק געטאָן אַ ביסל אָן אַ זײַט. עס האָט אַ לײַכט געטאָן פֿאַר מיר דער ברייטער שליאַך פֿון דער אַלמעכטשלעכער געשיכטע. נאָך אין דער פּריסטער קינדהייט האָב איך געהערט די מעשה, ווי אַלכּסנדר מוקדון איז געפֿלויגן אויף אַן אָדלער. איצט איז ער שוין אַליין, אַלכּסנדר מוקדון, דורכגעפֿלויגן פֿאַר מיר ווי אַן אָדלער! עס האָט זיך דורכגעטראָגן פֿאַר מיר די שיינע מעשה פֿון זײַן „משנה", תּלמי המוקדוני, נאָך זײַן טויט דער קיניג פֿון מצרים, וואָס האָט אײַנגעלאַדן פֿון ירושלים 70 ייִדישע זקנים און ער האָט זיי אַוועקגעזעצט אין 70 באַזונדערע הײַזער און זיי האָבן איבערגעזעצט פֿאַר אים די תּורה און די נביאים און כּתובים אין לשון יונית. איך האָב זיך באַקענט מיט די היסטאָרישע פּרטים פֿון „נס חנוכּה", וואָס איך האָב פֿריער געוווּסט נאָר פֿון אגדות — מיט דער גרויסער מסירת-נפֿש פֿון די חסידים הראשונים און די גרויסע גבֿורות פֿון מתּתיהו און יהודה מיט זײַנע ברידער די חשמונאים. עס האָבן אויפֿגעשטורעמט אויף דער סצענע די רוימישע קריגספֿירער, פֿעלקער-פֿאַרצוקער, וואָס האָבן געזוכט אין גוואַלדיקע מלחמות צו פֿאַרצוקן איינע די אַנדערע — פּומפּיוס, יוליוס קיסר, קאַסיוס, אַנטוניוס, אַגוסטוס. די פֿאַרנאַכטן פֿלעגן דורכגיין פֿאַר מיר אין די ייִנגלשע גאַסנשלאַכטן. און בײַנאַכט, פֿאַרגנבֿעטערהייט, אַז קיינער זאָל ניט זען, פֿלעג איך שעהן-לאַנג אויסשטעלן לויט דעם „יוסיפֿון" גאַנצע אַרמייען פֿון קנעפּלעך און העקלעך — „אַ קריג פֿון די אַלמעכטיקע, אונטער וועלכע די ערד האָט געציטערט." דערהויפּט אָבער, פֿאַרשטייט זיך, האָט מיך פֿאַרכאַפּט די וווּנדערלעכע געשיכטע פֿון די ייִדן אין דער צײַט פֿון צווייטן בית-המקדש, מיט וועלכער איך האָב זיך דורך דעם „יוסיפֿון" צום ערשטן מאָל באַקענט. די תּנך-געשיכטע, אַפֿילו עזרא און נחמיה, האָבן געהאַט פֿאַר מיר דעם פֿאָרכט פֿון געטלעכקייט, בעת פֿון „יוסיפֿון" האָט שוין געוויעט אויף מיר דער מענטשלעכער אָטעם פֿון וועלטלעכקייט. אַפֿילו די ערשטע חשמונאים, מתּתיהו און זײַנע זין, דורך וועלכע עס איז געשען אין בית-המקדש דער נס חנוכּה, זײַנען שוין געווען פֿאַר מיר מער וועלטלעכע, איידער געטלעכע גיבורים. דערפֿאַר האָב

איך געפֿילט צו זיי אַן אינטימערע נאָענטקייט — אָט ווי דער יום־טובֿ חנוכּה אַליין, וואָס איז כּמעט קיין יום־טובֿ ניט, און דאָך אַזאַ אינטימער, ליבהאַרציקער יום־טובֿ. און זייער שאַרף האָב איך איבערגעלעבט די טראַגישע געשיכטע פֿון די לעצטע חשמונאים און געהאַסט מיט אַ ברען זייער מחבל, דעם רשע הורדוס. איך האָב געגאָסן ביטערע טרערן אויפֿן גורל פֿון מרימי, דער בילדשיינער פֿרוי פֿון הורדוסן וואָס ער, דער רשע, האָט געלאָזט דערמאָרדן — די לעצטע שטאָלצע חשמונאָירין, וואָס איז געגאַנגען צום טויט אַזוי שיין און שלאַנק און ווערדיק אויסגעשטרעקט איר האַלדז צום מעסער פֿון תּליון. גראָד אַרום יענער צײַט האָט מײַנער אַ קוזין חתונה געהאַט מיט זייער אַ שיינער, שלאַנקער און שטאָלצער מיידל, וואָס האָט געטראָגן, ווי אַלע דעמאָלטיקע פֿראַנטיכעס, אַ פּרעכטיקן טורנור פֿון הינטן. פֿלעג איך קוקן אויף איר און זיך פֿאָרשטעלן מיט שוידער, אַז אַזאַ קאָפּ און אַזאַ טורנור האָט מסתּמא אויך געהאַט מרימי — אַזאַ שיינעם קאָפּ, וואָס דער תּליון האָט אָפּגעהאַקט פֿון דער שטאָלצער פֿיגור.

און נאָך פֿאַרכאַפּנדיקער זײַנען געווען די לעצטע טיילן פֿון „יוסיפּון‟, ווו עס ווערט געשילדערט דער גרויסער ייִדישער אויפֿשטאַנד קעגן רוים — גאַנץ אַנדערש ווי אין „אמר רבי יוחנן‟. מיט יעדן בלאַט האָבן שטאַרקער געוואָרן מײַן האַרץ און געפֿאַנגען מײַן פֿאַנטאַזיע די העלדישע ייִדישע קעמפֿער קעגן די רוימער, די קנאים, וואָס „יוסיפּון‟ פֿאַרדאַמט זיי און זידלט זיי אַזוי שטאַרק. מיט יעדן בלאַט איז מײַן נשמה אַלץ מער אויפֿגעפֿײַערט געוואָרן פֿון זייער פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף — אַזוי ווי מיט אַ האַלב יאָר פֿריער פֿון דעם סאָציאַליסט דעם פֿאָלקסלערער, וואָס האָט געשאָסן אויפֿן קייזער און אָראָפּגעשלונגען באַלד דערנאָך דעם נוס מיטן סם; אַזוי ווי מיט אַ פּאָר חדשים פֿריער פֿון די קייזער־מערדער און די אַנדערע העלדישע סאָציאַליסטן, וואָס זײַנען געגאַנגען אַזוי גרייט אויף מאַרטירערטום און טויט. איך קען נישט געדענקען, אויף וויפֿיל איך האָב די רוסישע סאָציאַליסטן און די אַמאָליקע ייִדישע קנאים אין קלאָרן באַוווּסטזײַן צונויפֿגעבונדן. איך געדענק אָבער מײַן אַנטציקונג און מײַן שטאָלץ, וואָס אויך מיר ייִדן האָבן נאָך מיט 18 הונדערט יאָר צוריק געהאַט אַזעלכע קעמפֿער, אַזעלכע העלדן.

די ייִדן אין בלומקעס קלויז האָבן דעם סאָציאַליסט טיף אין האַרצן פֿאַרהערלעכט — ניט ווי „יוסיפּון‟, וואָס האָט דעם בונטאָוושטשיק קעגן רוים מיט די ערגסטע ווערטער געזידלט. דאָך האָט מען אויך אין בלומקעס קלויז אַזוי ווייניק געהאַלטן פֿון די דרכים פֿון די סאָציאַליסטן, ווי „יוסיפּון‟ פֿון די דרכים פֿון די קנאים. און אויב איך האָב פֿונדעסטוועגן פֿריער אויף מײַן קינדערשן אופֿן סימפּאַטיזירט מיט די סאָציאַליסטן, האָב איך איצט אויף מײַן קינדערשן אופֿן נאָך הייסער סימפּאַטיזירט מיט די קנאים. זיי זײַנען דאָך מיר ווי ייִדן פֿיל נעענטער געווען. מיטן גאַנצן קינדערשן הערצל מײַנעם האָב איך געפֿילט, אַז „יוסיפּון‟ איז ניט אויפֿריכטיק מיט זײַנע זלזולים און בלבולים אויף די קנאים און זײַנע לויבגעזאַנגען צו טיטוסן — אַז טיטוס הרשע איז טאַקע געווען טיטוס הרשע, און די פֿאַרטיידיקער פֿון ירושלים זײַנען טאַקע געווען די גרויסע גיבורים. און אַזוי ווי פֿריער, לייענענדיק די מיטלעלטערלעכע כראָניקעס, פֿלעג איך טרוימען צו שטאַרבן אַ מאַרטירער־טויט פֿון אַ קדוש, אַזוי האָב איך איצט שוין געטרוימט צו שטאַרבן אַ גיבור־טויט פֿון אַ קעמפֿער.

דעם גאַנצן חודש סיון, וואָס איך האָב געלייענט וועגן דעם גרויסן אויפֿשטאַנד, האָב איך געלעבט אין מײַן פֿאָרשטעלונג כּסדר אויף די פֿעסטונגווענט פֿון דער באַלעגערטער שטאָט ירושלים. אומעטום, אין שול בײַם דאַווענען, אין חדר בײַ דער גמרא, איז מײַן קאָפּ אַלץ פֿול געווען מיטן גרויסן קאַמף און חורבן און בראַנד. און גייענדיק פֿון חדר אַהיים, פֿלעג איך זיך אַרומשלעפּן איבער די גאַסן און פֿאַרבויען אין מײַן פֿאַנטאַזיע מינסק מיט שוצווענט — מיט איין פֿעסטונג־מויער, מיט אַ צווייטן, מיט אַ דריטן, ריכטיק ווי עס איז געווען אין ירושלים. און הויך אויף די מויערווענט בין איך נעשטאַנען, פּלייצע צו פּלייצע מיט די גרויסע פֿירער פֿון די קנאים, מיט אלעזר בן ענני און

יוחנן הגלילי און שמעון הירושלמי און געצילעוועט מיט די פּיילן, און געבליצט מיטן שווערד, און געקעמפּט און געקעמפּט אויף לעבן און טויט.

און אָט דערמאָן איך זיך אַ פרייטאָג-צו-נאַכט אין בלומקעס קלויז — אַ הייסע תּמוז-נאַכט, אָבער די נײַס, וואָס מען האָט דאָרט געהערט, האָט געקילט דאָס בלוט אין די אָדערן: די פּאָגראָמען הערן ניט אויף. דער נײַער קייזער און זײַנע הויכע טשינאָווניקעס ווײַזן אַרויס אַלץ מער פֿינצטערע יִדן-שׂנאה. די רעגירונג באַשולדיקט אין די פּאָגראָמען די אויפֿהעצער און אויפֿרייצער. זי מיינט עס—די סאָציאַליסטן. דער שווינדל איז אָבער אויבן-אויף. אירע טשינאָווניקעס און די צײַטונגען, וואָס שטייען נאָענט צו איר, העצן דאָך אַליין און רייצן אויף צו פּאָגראָמען. זיי שרייען, אַז די יִדן זײַנען רוסלאַנדס אומגליק. די רעגירונג וויל האָבן די פּאָגראָמען. זי מוז האָבן דעם שעיר לעזאזל. און כּדי צו באַרעכטיקן די פּאָגראָמען, קען מען נאָך דערוואַרטן פֿון איר די ווילדסטע גזירות.

דאָס איז געווען דער לעצטער פֿרײַטאָג-צו-נאַכט אין בלומקעס קלויז, מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט מינסק אָפּגעברענט. צוזאַמען מיטן גאַנצן שולהויף איז אויך בלומקעס קלויז אַוועק מיטן פֿײַער.

מען האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז די ייִדישע שטעט, ווו מען קען ניט מאַכן אַזוי לײַכט אַ פּאָגראָם, צינדט מען אונטער. די גרויסע שׂריפֿה אין מינסק איז געוויס געווען אַ געמאַכטע. נאָך גאַנץ פֿרי האָט געברענט אין אַ געגנט, ווו עס האָט געוווינט אונדזערער אַ קרובֿ. מײַן מאַמע, אַ יונגע קרעפּטיקע פֿרוי, איז באַלד אַהין געלאָפֿן „ראַטעווען”. מען האָט יענס פֿײַער אײַנגעלאָשן. די מאַמע איז געקומען מיד און פֿאַרשוויצט און זיך אַ וואָרף געטאָן אין בעט זיך אויסרוען. איך האָב זיך שוין געקליבן אין חדר. ערשט איך דערזע פֿון אונדזערע פֿענסטער אויפֿן בערגל, אַז פֿון יאַטקע-גאַס גייט אויף אַ שוואַרצער, געדיכטער רויך. און באַלד האָב איך שוין געזען פֿלאַמען און רויך אין דער זעלביקער גאַס אויך אַנדערשוווּ.

שפּעט בײַנאַכט בין איך געווען מיט דער מאַמען אין מיטלפּונקט פֿון שטאָט — אויפֿן הויכן מאַרק. דער טאַטע, מיט די רעשטלעך געראַטעוועטע זאַכן, איז געווען אויפֿן נײַעם בית-עולם, ווו עס האָבן זיך געוואַלגערט גרויסע מאַסן יִדן. די קליינינקע שוועסטערלעך מיט אַ מומען זײַנען געווען אין צווייטן עק שטאָט, אין קאַמערויקע, בײַ אונדזער גוישער וועשערין. אומזיסט האָבן מיר, די מאַמע און איך, געוואָלט דורכדרינגען צום בית-עולם — צו זען דעם טאַטן. פֿון דרײַ זײַטן זײַנען געשטאַנען פֿײַערדיקע ווענט, ווו געבײַדעס אויף צענדליגער גאַסן האָבן געקנאַקט און געקראַכט און געפֿלאַקערט. און איבער אונדזער הימל איז געווען אַ פֿײַערדיקער דאַך. אויפֿן אַלטן בולוואַרטשיק, וואָס איז נאָך דעמאָלט ניט פֿאַרפֿלאַנצט געווען, זײַנען געלעגן אין גרויסע קאַזיאָנע זעק די מטלטלין פֿון גובערנאַטאָרס הויז, פֿון דער „קאַזנאַטשייסטוואָ”, פֿון די קלויסטערס. אַרום אָט די געבײַדעס האָבן געאַרבעט אַלע פֿײַער-לעשער און גרויסע מחנות סאָלדאַטן, איבערלאָזנדיק די גאַנצע שטאָט פֿרײַ פֿאַרן פֿײַער. און אַרום די מטלטלין אויפֿן בולוואַרטשיק זײַנען געשטאַנען, מיט בלויזע שווערדן און אָנגעשטעלטע ביקסן, כאָפּטעס כמורנע סאָלדאַטן. זיי האָבן אונדז דורכגענומען מיט פֿײַנדלעכע בליקן. עס איז מיר געווען אַזוי סומנע. איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער באַשרײַבונג פֿון חורבן, וואָס ניט לאַנג צוריק האָב איך געלייענט אין „יוסיפֿון”, און איך זאָג צו דער מאַמען:

— עס פֿעלט מער ניט, אַז זיי זאָלן אונדז נאָך שטעכן, מאַמע. עס וואָלט שוין געווען פּונקט ווי בײַם חורבן בית-המקדש.

די מאַמע, וואָס האָט דעם גאַנצן טאָג, בײַ אַלע אירע שרעקלעכע איבערלעבונגען, זיך אַלץ געשטאַרקט, האָט שוין מער ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן אין אירע אָרעמס און זיך ביטער צעיאָמערט:

— ניין, מײַן קינד, מיר האָבן דאָך שוין לאַנג ניט קיין בית-המקדש, וואָס זאָל חרובֿ ווערן. איצט איז דאָס שוין דער חורבן פֿון פֿאָלק ישׂראל...

# V

נאָכן גרויסן פֿײַער אין מינסק. — די ערשטע העברעיִשע ביכלעך. — די שבת־צו־נאַכטן בײַם פֿעטער אין הויז.—די מעשה וועגן די פּאָגראָמען און די סאָציאַליסטן. — די „נאַר" וואָליא" און איר פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציע.

בעת דער ווינט האָט אַ טראָג געטאָן אויף אונדזער בערגל שוואַרצע וואָלקנס מיט גרויסע פֿונקען פֿון דער ברענענדיקער יאַטקע־גאַס און דאָס הויז האָט זיך שוין אָנגעצונדן, איז געקומען צו פֿליען דער פֿעטער מענדל מיט אַ קליין פֿורל, וואָס ער האָט קוים געקראָגן פֿאַר אַ משוגענעם פּרײַז. האָט מען אַ ביסל בעטגעוואַנט און אַ ביסל ספֿרים אַרויסגעראַטעוועט און אַוועקגעפֿירט אויפֿן נײַעם בית־עולם. ווײַטער איז אין איין שעה אַוועק מיטן פֿלאַם אונדזער גאַנץ ביסל אָרעמקייט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין משך פֿון יאָרן. אויף מאָרגן האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט אויף יורעווער גאַס, אַ קוק געטאָן אויפֿן פּלאַץ, ווו עס איז געווען אונדזער דירה, און געזען נאָר אַ קוימען און אַ קופּע אַש. עס האָט מיר זייער וויי געטאָן. האָב איך דאָס דערציילט דעם טאַטן און געטרייסט אים, אַז ווען מיר וואָלטן געהאַט אין שטוב אַפֿילו תּרפּ״ט אלפֿים אַסיגנאַציעס, וואָלט דאָך אויך געבליבן די זעלביקע קופּע אַש. דער טאַטע האָט אַ לײַדנדיקן שמייכל געטאָן און געזאָגט: „אַבֿרהמעלע, דו וועסט נאָך ווען־עס־איז אויפֿשרײַבן אַ מוסר־ספֿר".

דער טאַטע איז אַרויס פֿון פֿײַער נקי — נאָר מיטן ריפּסענעם לעטניק, וואָס ער האָט אויף זיך געטראָגן. געוואַלגערט האָבן מיר זיך אַלע עק שטאָט, ערגעץ בײַם בית־עולם, אין אַ קליין, פֿינצטער צימערל. דעם טאַטן האָט אָבער דערהויפּט געראָפּעט און געפּלאָגט, וואָס איך וועל שוין דעם זומער ניט ענדיקן „בבא בתרא" — די זייער לאַנגע מסכתא, די לעצטע פֿון די דרײַ „בבות".

דער חדר האָט אָפּגעברענט. דער רבי איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון מינסק צו זיך אין קליין שטעטל. אין דער בהלה האָט דער טאַטע ניט געקענט קריגן פֿאַר מיר אַ פּאַסיקן גמרא־מלמד. און כּדי איך זאָל ניט אומלויפֿן פּוסט־און־פּאַס און פֿאַרווילדעוועט ווערן, האָט ער געגומען ברענגען מיר העברעיִשע ביכלעך פֿון די „כּשרע" — די „שירי תּפֿארת" פֿון נפֿתּלי הירץ ווײַזעל און „אהבֿת ציון" און „אַשמת שומרון" פֿון אַברהם מאַפּו. געדענק איך, אַז ווײַזעלס שירים — העברעיִשע מליצות לויט דײַטשע מוסטערן — האָבן אויף מיר קיין באַזונדערן אײַנדרוק ניט געמאַכט. איך האָב שוין דעמאָלט געפֿילט, אַז „אָז ישיר" איז פֿיל קוואַליקער, פֿיל קרעפֿטיקער. דערפֿאַר אָבער האָב איך מאַפּוס ראָמאַנען ממש געשלונגען — אין אַ פּאָר וואָכן דאָרשטיק אײַנגעשלונגען. איך האָב זיך אַרומגעוואַלגערט מיט די ביכלעך אויף אַלערליי פּעק און פּעקלעך, אין ענגשאַפּט און אין חושך, און פֿאַר די אויגן האָט מיר געלויכטן די זוניקע רחבֿות פֿון ארץ־ישׂראל. די טונקעלע אינטריגעס פֿון די ראָמאַנען, וואָס זײַנען געפֿירט געוואָרן אויפֿן לויטערן לשון פֿון די נבֿיאים, האָבן געהאַט פֿאַר מיר אַ באַזונדערן כּישוף. פֿלעגט זיך אויפֿהייבן איבער מיר דער נידעריקער באַלקן, פֿלעגן זיך צעזרוקן די ענגע ווענט, און איך האָב געהערט די געזאַנגען פֿון די פֿעלדער און די ווײַנגערטנער, געזען דעם שניי פֿון חרמון און די טענענבוימער פֿון לבֿנון. און שיר־השירימדיק האָבן געשמעקט די ליבע־רייד, און ישעיהדיק האָבן געדונערט די שטראָפֿרייד. אָט אַזוי האָב איך זיי געלייענט, די ערשטע ראָמאַנען, וואָס איך האָב אין מײַן לעבן געלייענט.

און אָט האָב איך „פֿאַטשאַפּעט" ערגעץ ווו, בשתיקה פֿון טאַטן, אויך מאַפּוס „עיט צבֿוע". מען האָט מיך געוואָרנט, אַז דאָס איז אַ טריף־פּסול, און איך זאָל זיך היטן. דער טאַטע אָבער האָט מיך מיטן טריף־פּסול געפּאַקט. איך האָב דערוואַרט שוין אַ גאַנצע באַטאַליע. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אַז דער טאַטע האָט זיך אַפֿילו ניט געבייזערט. ער האָט מיט גוטן מיט מיר אײַנגעטענהט: „זעסטו, אַבֿרהמל, דאָ קומט דאָך אויס, אַז יעדער ייִד מיט אַ באָרד איז אַ גנבֿ און יעדע געסקראָבעטע מאָרדע איז אַ צדיק!" און

דער טאַטע האָט מיר אָנגעוויזן אויף אייניקע באַקאַנטע ייִדן אין מינסק, וואָס האָבן געטראָגן בערד און זיי זײַנען געווען אמתע צדיקים, און אויף אייניקע אַנדערע באַקאַנטע ייִדן, וואָס האָבן שוין קיין בערד ניט געטראָגן, און זיי זײַנען גראָד געווען אמתע זשוליקעס. אָט דער איינפּאַכער שמועס האָט אויף מיר געהאַט אַזאַ גרויסע ווירקונג, אַז איך בין שוין קיין משכּיל קיינמאָל ניט געוואָרן. איך בין שטענדיק געווען אַ מאַדים אויפּצוכאַפּן די לעכערלעכע זײַטן. פֿלעג איך לייענען די נאַיִווע השכּלה-ביכלעך, און דער אָפּלאַכער אין מיר פֿלעגט מיטלייענען און מאַכן חוזק פֿון מחבר.

סוף-כּל-סוף האָט אַ פּרוש פֿון אַ דערבײַיִקן שולכל זיך אָנגעבאָטן מיט מיר צו לערנען — אַ טשיקאַווער פּרוש, אַ הויכער, אַ ביסל אַן אײַנגעהויקערטער, זייער אַן אָפּגע-לאָזענער און זייער אַן אָפּגעקאָרמעטער. ריידן פֿלעגט ער אַזוי ווי פֿון שלאָף, לערנען אויך אַזוי, דאָך ווען ער פֿלעגט אַמאָל עסן בײַ אונדז, פֿלעגן מיר אַוועק פֿון טיש הונגעריקע. די מאַמע פֿלעגט אים אַלץ אַוועקגעבן און זי פֿלעגט פֿילן, אַז עס איז נאָך ניט גענוג. אָבער די הויפּטזאַך, וואָס מיר איז פֿאַרבליבן פֿון אים אין זיכּרון, זײַנען די פֿעדערן; מאַסן פֿעדערן, וואָס ער האָט שטענדיק אַוועקגעטראָגן אויפֿן טשוב, אויף די פּאות, אויפֿן קײַלעכדיקן, געפּאַקטן בערדל. די מאַמע פֿלעגט זיך וווּנדערן: „פֿונוואַנען נעמט זיך צו אים אַזוי פֿיל פֿעדערן — אַ גאַנצע גאַרדעראָבע?" ער איז ניט געווען פֿון די לומדים. דער טאַטע האָט אָבער נעציטערט פֿאַר דער „גאַס". און ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו פֿאַרשפּאַרן מיך ווידער אין אַ שולכל, האָט ער דאָס ניט געוואָלט דורכלאָזן. און דער יום-טובֿ פֿון מײַן לעבן איז צעשטערט געוואָרן. אַזוי ווי עס איז שוין געווען אַ זעקס וואָכן פֿאַר ראש-השנה, האָט ער מיט מיר געלערנט די מסכתא „ראש השנה". ווען מיר האָבן געענדיקט „ראש-השנה", האָט ער מיט מיר געלערנט די מסכתא „סוכּה". אָבער דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי „געלערנט"! ער האָט נאָר געזאָגט און איך פֿלעג זיך נאָכשלעפּן, ווײַל גראָד אין יענער צײַט האָט דער טאַטע מיר גע-בראַכט דעם „לישרים תּהלה" פֿון ר׳ משה חיים לוצאַטאָ, און וועגן קיין אַנדער זאַך האָב איך שוין ניט געקענט טראַכטן. דאָס איז געווען אַ געשעעניש אין מײַן קינדערשן לעבן — צום ערשטן מאָל אַן אָטעם געטאָן די הויכע לופֿט פֿון פּאַרנאַס. דער געהויבענער פּאָעט ר׳ משה חיים לוצאַטאָ, דער גרעסטער פּאָעט בײַ ייִדן אין די זעקס הונדערט יאָר צווישן אים און רב יהודה הלוי, האָט מיך באַצויבערט — פֿיל מער נאָך איידער מאַפּו מיט זײַנע ראָמאַנען. באַלד שוין האָב איך געוווּסט זײַן ספֿרל אויף אויסווייניק, און מײַן אידעאַל איז געוואָרן צו שרײַבן פֿערזן אויף זײַן שטייגער — אַזוי ליכטיק און ציכטיק, ווי ער. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט מיך אַזוי פֿאַרכאַפּט זײַן „מסילת-ישרים" — דער איידלסטער צווישן אַלע מוסר-ספֿרים. מײַן לעבן איז דערנאָך אַוועק ווײַט פֿון לוצאַטאָס פּאָעזיע, פֿון לוצאַטאָס מוסר; זײַן נאָמען אָבער קלינגט מיר נאָך עד-היום אין נשמה מיטן ליבסטן, צאַרטסטן קלאַנג.

ערשט נאָך סוכּות האָבן מיר געפֿונען אַ דירה — שוין אין רײַכערן שטאָטטייל, ווו די שׂריפֿה האָט זיך אָפּגעשטעלט, טײלווײַז אַדאַנק די דערבײַיִקע אָפּגעראַטעוועטע קאַזיאָנע געבײַדעס און קלויסטערס. די נײַע דירה איז געווען קליין, פֿײַכט און טונקל, דערפֿאַר אָבער אין צענטער שטאָט, ניט ווײַט פֿון דעם פֿעטער מענדל. און אָנשטאָט די אינטערעסאַנטע פֿרײַטאָג-צו-נאַכטן אין בלומקעס קלויז, האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאַר מיר דעמאָלט, אין ווינטער 1881—1882, די ניט ווייניקער אינטערעסאַנטע שבת-צו-נאַכטן אין פֿעטערס הויז. דאָרט פֿלעגן זיך צונויפֿקומען די נאָענטסטע קרובֿים. און ווידער די זעלביקע מעשׂיות פֿון צרות און פּאַגראָמען, ווי אין בלומקעס קלויז — די זעלביקע פֿינצטערע שטימונגען און בליציקע באַמערקונגען. דאָס איז אָבער געווען אַן ענגער פֿאַמיליען-קרײַז, און מען האָט זיך שוין ווייניקער געשטערט. מען פֿלעגט שוין ניט אומקוקן זיך אַלץ מיט שרעק אויף די הענגלײַכטער; מען האָט פֿרײַער גערעדט, קאָמענטירט די נײַס, דעבאַטירט.

און איך, אַ ייִנגל אַ קאָכיקער, אַ פֿאַרשטיפּטער, פֿלעג שוין דעמאָלט שטיין שטיל ערגעץ הינטער אַ שטול, אײַנזאַפּן דאָרשטיק דאָס געהערטע, איבערטראַכטן עס דערנאָך, איבערלעבן עס, וואַרטן שוין די גאַנצע וואָך אומגעדולדיק אויף דעם שבת-צו-נאַכט, וואָס פֿלעגט האָבן פֿאַר מיר שטענדיק עפּעס אַזאַ באַהאַרצטן חן.

איך שרײַב אָט די שורות, און אין די אויערן קלינגט מיר די מעלאָדישע שטים פֿון דער מאַמען, ווי זי זאָגט „המבדיל"—אַזוי שטיל, אַזוי האַרץ-אויסגיסנדיק. אָט צינדט זי אָן פֿײַער, די נשמה יתירה פֿון שבת טוט זיך אָפּ, עס לייגן זיך אַוועק געדיכט איבערן הויז די שאָטנס פֿון דער וואָך, די זאָרגן פֿון דער וואָך. דער טאַטע קומט פֿון מעריב, מאַכט הבדלה, און אין אַלע ווינקעלעך צעלייגן זיך די שאָטנדיקע זאָרגן אַלץ געדיכטער: ווו נעמט מען אויף שכר-לימוד, אויף דירה-געלט, אויף אַ שורקע האָלץ? דער טאַטע גייט זיך דורך אַ פּאָר מאָל איבערן הויז מיט די לאַנגע שאָטנס. איך הער אַ פּאָר שטילע זיפֿצן. אָבער באַלד צעטראָגן זיך די האַרץ-פֿאַרכאַפּנדיקע קלאַנגען פֿון „אליהו הנביא, אליהו התשבי"—אַזעלכע אומעטיקע און דאָך אַזעלכע טרייסטנדיקע. און אין דער חושכדיקייט לויכטן אויף די געשטאַלטן פֿון משיח בן דוד, דעם אויסלייזער, וואָס אפֿשר וועט ער טאַקע באַלד קומען מיט די שווערע ווינטער-וואָלקנס אויפֿן מינסקער הימל, און פֿון אליהו הנביא, דעם אָנזאָגער, וואָס דערווײַל, איידער וואָס ווען, פֿאַר-שטעלט ער זיך פֿאַר אַ קנעכט און בויט אויף אין איין נאַכט אַ הערלעכן פּאַלאַץ. לויכטן זיי אויף, אָט די ווונדערלעכע געשטאַלטן, אין ניגון און וואָרט. און דער טאַטע גייט אַרום צווישן די געדיכטע שאָטנס און זינגט, און איך זינג מיט, און די מאַמע זינגט מיט, און זינגענדיק הייצט זי אײַן די הרובקע.

אַזוי פֿלעגן מיר מקבל זײַן מיט געזאַנגען אויך אַפֿילו די גרויע וואָך – יום-טובדיק מקבל זײַן. די מאַנסבילן, דער טאַטע און איך, פֿלעגן דעמאָלט אַוועקשפּרײַזן אין דער הויכער ווינטער-נאַכט, איבערן טרעשטשעדיקן שניי, צום פּעטער מענדל. ווי אָנגענעם עס פֿלעגט דאָרט זײַן, ווי גראַם און ליכטיק. און דאָך ווי טרויעריק פֿלעגן דאָרט זײַן די שמועסן! און די צרות פֿון פּרט פֿלעגן שוין אויסזען אַזוי נישטיק קעגן די מוראדיקע צרות פֿון כּלל. אָט באַמערק איך אויפֿן טאַטנס פּנים אַזאַ צער, וואָס איך האָב פֿריער נאָך הבדלה ניט געזען. מען רעדט פֿון הויפּט-מיניסטער, פֿון איגנאַטיעוון, וואָס שטעלט ניט אָפּ די פּאָגראָמען און פּלאַנעוועט נאָך פּיַנצטערערע גזירות אויף ייִדן, כּדי צו געבן געזעכט דעם ווילדן המון פֿאַר די פּאָגראָמען. מען רעדט פֿון די פּראָקוראָרן, וואָס דאַרפֿן עס אָנקלאָגן די פּאָגראָמשטשיקעס, די מערדער, און זיי קלאָגן גאָר אָן די פּאָגראָמירטע און געמאָרדעטע ייִדן. מען רעדט פֿון „נאָוואָיע ווערעמיאַ"[8] און די אַנדערע העלישע צוררים, די טויטלעכע שלאַנגען, וואָס דערקלערן גאָר אונדז, די טויט-געביסענע ייִדן, פֿאַר די טויטלעכע שלאַנגען. און ביז הײַנטיקן טאָג איז מיר געבליבן שטעקן אין זכּרון ווי אַ טשוואָק די ביטערע פֿראַזע פֿון טאַטן.

— וואָלטן מיר טאַקע געווען שלאַנגען! מיר זײַנען דאָך אָבער נאָר ווערעם, ווי אין פּסוק שטייט: כּי תּולעת יעקבֿ — ווערעם!...

און אָט איין מאָל, אין אַ שבת-צו-נאַכט, האָב איך געהערט בײַם פּעטער אין הויז עפּעס אַזוינס, וואָס האָט מיר אַ ברען געטאָן ווי קראָפּעווע: די זעלביקע סאָציאַליסטן, וואָס פֿלעגן פֿריִער הרגענען די הויכע טשינאָווניקעס און האָבן אויך דערהרגעט דעם קייסער, מאַכן עס איצט אויפֿן דרום די פּאָגראָמען און הרגענען דאָרט די ייִדן. געבראַכט

8 „נאָוואָיע ווערעמיאַ" — די גרעסטע רעאַקציאָנער-אַנטיסעמיטישע צײַטונג אין רוסלאַנד (פּעטערבורג). אין 1876 איז זי אַריבער צו סוּוואָרינען (געלט דערויף האָט געגעבן דער באַקאַנטער וואַרשעווער באַנקיר קראָנענבערג). די „נ. וו." איז תּחילת געווען ליבעראַל, אָבער גאָר אין גיכן געביטן איר קורס און איז געוואָרן די סאַמע רעאַקציאָנערסטע צײַטונג, מיט דער גרעסטער השפּעה אויף די רעגירונגס-קרײַזן, באַזונדערס פֿון אָנהייב די 80ער יאָרן און שפּעטער ביז דער רעוואָלוציע פֿון 1917. — רעד'.

די נײַס האָט דער פֿעטער גרשון-לייב, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געקומען פֿון אַ רײַזע אין קאַטערינאָסלאַוו, ראָסטאָוו און טאַגאַנראָג. איך קען זיך ניט דערמאָנען, וואָס פֿאַר אַן אײַנדרוק די ידיעה האָט געמאַכט אויף אַלע אַנדערע אין הויז. איך שטעל זיך אָבער פֿאָר, אַז דאָס האָט געדאַרפֿט אויסקומען גאַנץ משונהדיק. אין די שבת-צו-נאַכטן בײַם פֿעטער מענדל אין הויז האָט מען פֿעסט געגלייבט, אַז די „פּראַוויטעלסטווע“ אַליין האָט אַ שטאַרקע האַנט אין די פּאָגראָמען. אמת, די אָפֿיציעלע מעלדונגען האָבן פֿון אָנהייב אָן געוואָרפֿן די שולד אויף די סאָציאַליסטן, און אַלעקסאַנדער דער דריטער אַליין האָט דערקלערט פֿאַר אַ ייִדישער דעפּוטאַציע, אַז „די פּאָגראָמען מאַכן עס די אַנאַרכיסטן“. ייִדן האָבן אָבער געזען, אַז די פּאָליציי און די סאָלדאַטן קומען אומעטום ערשט נאָכן פּאָגראָם און ניט פֿאַרן פּאָגראָם – ניט אַפֿילו אין צײַט פֿון פּאָגראָם. און די פּראָקוראָרן פֿלעגן ניט באַשולדיקן, נאָר גערעכט געבן די פּאָגראָמשטשיקעס. דער קאַזיאָנער אַנטיסעמיטיזם האָט אַלץ אָפֿענער אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ פּאָגראָם-אַנטיסעמיטיזם. טאָ ווי האָט זיך עס געשיקט, אַז די סאָציאַליסטן, וואָס קעמפֿן אַזוי פֿאַרביסן קעגן דער רעגירונג, זאָלן גאָר אויף אַזאַ מיאוסן אופֿן העלפֿן דער רעגירונג? דער פֿעטער גרשון-לייב האָט עס אָבער דערציילט, ווי אַ זיכערע מעשה. אויפֿן דרום, ווו עס זײַנען פֿאָרגעקומען די ערגסטע פּאָגראָמען, האָט מען אים די נײַס איבערגעגעבן אין נאָמען פֿון ייִדישע סטודענטן, וואָס האָבן פֿריער אַליין געהערט צו סאָציאַליסטישע חבֿרות.

און אַזוי ווי די סאָציאַליסטן זײַנען געווען די העלדן פֿון מײַן פֿאַנטאַזיע, זײַנען מיר פֿאַרבליבן אין זכּרון אַ פּאָר פֿון די שמועסן פֿון יענעם שבת-צו-נאַכט בײַם פֿעטער מענדל אין הויז.

מען האָט פֿריער גערעדט וועגן דעם, אַז „אָרנטלעכע גויים“, וואָס האָבן גאָט אין האַרצן, וועלן אין אַ פּאָגראָם ניט אָנטייל נעמען. אַזוי האָבן געדענקט דער טאַטע און דער פֿעטער מענדל. האָט מײַן קוזען אהרון האַמבורג, דעם פֿעטער מענדלס זון, אַ פֿרעג געטאָן: און וואָס איז מכּוח די מסעות-הצלבֿ (די קרייצצוגן)? און וואָס איז מכּוח דער אינקוויזיציע? האָט דער טאַטע געענטפֿערט, אַז וואָס „צו“, איז פֿאַר אונדז, ייִדן, אומגעזונט: זײַנען די גויים צו פֿרום, ווילן זיי אונדז מיט פֿײַער און שווערד איבערשמדן; זײַנען זיי צו אויסגעלאַסן, האָבן זיי שוין אין גאַנצן ניט קיין מורא פֿאַר גאָט – ראַבירן זיי אונדז און מאָרדן, ווײַל מיר זײַנען דאָך די שוואַכע, די שוצלאָזע; דאַרף מען בעטן דעם אייבערשטן, אַז די גויים זאָלן זײַן האַלב-אויף-האַלב – ניט צו שטאַרק פֿרום און ניט קימערן זיך וועגן אונדזער נשמה, און ניט צו שטאַרק אויסגעלאַסן, און מיר זאָלן זײַן הפֿקר בײַ זיי מיטן גוף. און דער טאַטע האָט דערמאָנט דעם כּלל, אַז מיט אַ גוי, וואָס צלמט זיך ניט, דאַרף מען בײַנאַכט אין אַ בויד ניט פֿאָרן.

און אָט האָב איך זיך גענומען פֿאָרשטעלן אַ בײַנאַכטיקע רײַזע איבער פֿינצטערע וועגן אין אַ בויד. איך בין גראָד ניט לאַנג צוריק צום ערשטן מאָל אַרויסגעפֿאָרן פֿון מינסק אין אַ בויד צו אַ חתונה אין לאַהויסק, און מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן שפּעט אין נאַכט און געפֿאָרן צווישן געדיכטע וועלדער, און עס איז געווען זייער אימהדיק. האָב איך זיך פֿאָרגעשטעלט איצט די גאַנצע ייִדישע אומה, ווי זי פֿאָרט עס בײַנאַכט אין אַ בויד ערגעץ אויף פֿאָרכטיקע וועגן, אין געדיכטע פֿינצטערנישן, אַרײַנגעשטיקט צווישן גויישע גזלנים, וואָס צלמען זיך ניט,–און אַ שוידער האָט מיך דורכגענומען.

איך האָב געשוידערט פֿון מײַנע אייגענע פֿאַנטאַזיעס, און דער פֿעטער גרשון-לייב האָט דערציילט מיט אַן אײַנגעהאַלטענער באַגײַסטערונג פֿון זײַן דערפֿאַרונג אויפֿן דרום– אַז אויב די גויים ווערן אַלץ פֿאַרווילדערטער, ווערן שוין די ייִדן, טאָקע איבער די פּאָגראָמען, ווידער פֿרום. אַפֿילו סטודענטן, אַפֿילו אויסגעשטודירטע ווערן ייִדיש, און דער פֿעטער גרשון-לייב, וואָס איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער חיבת-ציון-באַוועגונג, איז געווען גליקלעך צוצוזען, ווי סטודענטן פֿאַסטן אין אַ תּענית-ציבור, ווי „די הערצער פֿון די קינדער קערן זיך אום צו די עלטערן“. און אַזוי, אַגבֿ אורחא, האָט ער דאָס

דערציילט די מעשה וועגן די סאָציאַליסטן און די פּאָגראָמען, ווי די געבילדעטע יִדישע יונגע לײַט טרייסלען זיך אָפּ מחמת דעם פֿון די סאָציאַליסטן און זיי ווערן ניט נאָר הייסע יִדן, נאָר אויך אַפֿילו הייסע „פּאַלעסטינצעס“.

איך האָב זיך דענסטמאָל גאָרניט געקענט פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי אַ יִד קען דאָס אָוועקגיין פֿון יִדן; דעריבער האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען דעם פֿעטערס התפּעלות, וואָס אַ יִד קערט זיך אום צוריק צו יִדן. האָב איך געטראַכט מײַנע אייגענע סומנע טראַכטונגען, און אַן אויפֿגערעגטער פֿון משל מיט דער בײַנאַכטיקער רײַזע אין אַ בויד, האָב איך זיך גענומען פֿאָרשטעלן אַזעלכע סאָציאַליסטן, ווי דער שוללערער, וואָס האָט אַראָפּגעשלונגען דעם נוס מיטן סם, און די כוואַטעס פֿון קעזקראָם אין פּעטערבורג, וואָס האָבן זיך געגראָבן, ווי קראָטעס, אונטער דער ערד און דורכגעלייגט די מינע, און די קייסער-מערדער, וואָס זײַנען אַזוי העלדיש געשטאָרבן אויף דער תּליה — ווי אַלע אַזעלכע ווערן עס פּלוצלונג גאָר פֿינצטערע „גוים“, פֿינצטערע גזלנים, וואָס ראַבירן און מאָרדן אומשולדיקע, עלנטע יִדן. און מײַן קינדערש הערצל האָט מיר אַזוי געשצעמעט.

אַז געוויסע רוסישע סאָציאַליסטן האָבן דענסטמאָל אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמען מיטגעפֿיל צו די פּאָגראָמשטשיקעס און אַז יִדישע סאָציאַליסטן האָבן מחמת דעם איבערגעלעבט אַ שווערן גײַסטיקן קריזיס – דאָס זײַנען גוט באַקאַנטע פֿאַקטן. פֿיל יִדישע טוער פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָבן דורכגעמאַכט אַ פּײַנלעכן חשבון-הנפֿש. אַן אויסנאַם זײַנען געווען דער עיִקר די ווייניקע, וואָס זײַנען אָפּגעריסן געווען פֿון שורש אין דער אויסלענדישער עמיגראַציע אָדער אין די שטיינערנע זעק פֿון די צאַרישע קאַזעמאַטן. כּמעט די גאַנצע סאָציאַליסטיש געשטימטע אינטעליגענץ פֿון העברעיִשן לאַגער אין רוסלאַנד איז דעמאָלט איבערגעגאַנגען צו די חובֿבֿי-ציון. אויפֿגעטרייסלט ביז אין די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון דער נשמה איז אויך געוואָרן אַ גרויסער טייל פֿון דער אַסימילירטער יִדישער אינטעליגענץ – דערהויפּט די שטודירנדיקע יוגנט; יעדן יִדישן רעוואָלוציאָנער מיט האַרץ און געפֿיל, אויב נאָר ער איז שוין אין גאַנצן ניט געווען קיין אויסגעוואָרצלטער, האָט עס פֿאַרשאַפֿט פֿיל יסורים און ספֿקות.

און אַנדערש האָט עס ניט געקענט זײַן. געוויינטלעך איז אָנגענומען, אַז דאָס איז נאָר געווען די פֿינצטערע רעאַקציע פֿון די צײַטן פֿון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, וואָס האָט אַרויסגערופֿן דעם פּאָגראָם-אַנטיסעמיטיזם. מיר ווייסן דאָך אָבער, אַז ניט יעדער רעאַקציע מוז דווקא אַרויסרופֿן אַ פּאָגראָם-וואַקכאַנאַליע. און די רעאַקציע נאָכן מאָרד פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן וואָלט געוויס ניט אָנגענומען אַזאַ אַכזריותדיקן אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער, אויב די יִדן וואָלטן זיך ניט באַטייליקט אַזוי ענערגיש אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. שוין אין אָנהייב פֿון די זעכציקער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט האָט גענומען בושעווען אין רוסלאַנד אַ רעאַקציע, וואָס האָט אַרויפֿגעלייגט איר לאַפּע אַפֿילו אויף טשערנישעווסקין, דעם פֿאַרגעטערטן וואָרטפֿירער פֿון דער רוסישער אינטעליגענטער יוגנט. איבער דער גאַנצער ליניע האָבן זיך אָנגעהויבן אַלערליי רעפּרעסיעס. די יִדן האָט עס אָבער ניט אָנגערירט, ווײַל אין אַנטי-רעגירונג-לאַגער זײַנען נאָך קיין יִדן ניט געווען. נאָך ווילדער האָט זיך צעיושעט די רעאַקציע אין 1866, נאָך קאַראַקאָזאָווס אַטענטאַט אויפֿן קייסער. די יִדישע רעכט האָט מען אָבער גראָד דעמאָלט אַ ביסל אויסגעברייטערט. די משׂכּילים פֿון די זעכציקער יאָרן, די טאַטעס פֿון די שפּעטערדיקע יִדישע „עכט-רוסישע“ רעוואָלוציאָנערן, האָבן געהאַט גרויס יראת הכּבֿוד פֿאַר דער רוסישער „קאָקאַרדע“. אַלע ציטירן די ווערטער פֿון יהודה-לייב גאָרדאָן, דעם גרויסן קעמפֿער פֿאַר השׂכּלה: „היה אדם בצאתך ויהודי באָהלך“ (זײַ אַ מענטש אין גאַס און יִד אין הויז). און אַלע פֿאַרגעסן די ווײַטערדיקע ווערטער זײַנע: „ולמלכּך עבֿד“ (און צו דײַן קיניג אַ קנעכט). ערשט אין די זיבעציקער יאָרן באַווײַזט זיך דער ניהיליסטישער שטייגער אויך אויף דער יִדישער גאַס — יִדישע בחורים מיט לאַנגע האָר, ווי גלחים, און יִדישע מיידלעך מיט געשאָרענע קעפּלעך, ווי שעפּסן.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט שוין אין דינסט באַדינטיקע יִדישע קרעפטן — אַזעלכע, ווי מאַרק נאַטאַנסאָן און פּ. אַקסעלראָד. נאַטאַנסאָן, אַ קאָוונער בחור, האָט מיט זײַן גוואַלדיקער איבערגעגעבנקייט, טאַקט, שכל און גרויסן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט געשאַפן די צוויי גרעסטע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד — די קרײַזלעך פון די „טשײַקאָווצעס", ווו טשײַקאָווסקי אַליין האָט געשפּילט אַ קנאַפּע ראָלע, און די „זעמליאַ אי וואָליאַ", וואָס האָט זיך שפּעטער צעשפּאָלטן אויף „טשאָרני פּערעדעל" און „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". צווישן די „גייער אין (רוסישן) פאָלק" צייכענען זיך אויס ווונדערלעכע יִדישע יונגע לײַט, הייליקע נשמות. צום סוף פון די זיבעציקער יאָרן ווײַזן זיך שוין אויך יִדישע טעראָריסטן. דער היסטערישער גאָלדענבערג דערהרגעט דעם כאַרקאָווער גובערנאַטאָר און פאַרנעמט זיך אויך צו הרגענען דעם קייסער — ניט אַנדערש ער זאָל הרגענען דעם קייסער; אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, זונדעלעוויטש און די אַנדערע קלוגע רעוואָלוציאָנערן פאַרשטייען אָבער, אַז דאָס וואָלט געווען אַן אומגליק ניט נאָר פאַר די רוסישע יִדן, נאָר אויך פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און זיי האַלטן אים קוים אָפּ. ער האָט אָבער דערנאָך אַליין אַלץ דערציילט די זשאַנדאַרן, וואָס האָבן בײַ אים דעם ווידוי אויסגענאַרט. מאָלאָדעצקי, נאָך אַ היץ-קאָפּ, מאַכט אַן אומזיניקן אַטענטאַט אויף לאָריס-מעליקאָוון, וואָס די פּאַרטיי האָט עס גאָר ניט געוואָלט, און ער באַצאָלט דערפאַר מיט זײַן יונגן לעבן. שטילער, אָבער פיל ערנסטער איז די טעראָריסטישע טעטיקייט פון אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע העלדן, ווי זונדעלעוויטש, די ברידער זלאַטאָפּאָלסקי און אַנדערע. אין קייסער-מאָרד פון ערשטן מערץ 1881 נעמט אָנטייל אויך אַ יִדישע פרוי, העסיע העלפמאַן — אמת נאָר אין דער ראָלע פון דער בעל-הביתטע פון דער קאָנספּיראַטיווער דירה, ווו מען האָט דעם מאָרד צוגעגרייט. דאָס איז שוין אָבער געווען גענוג אויפצובלאָזן דעם העלישסטן אַנטיסעמיטישן פלאַם. די רעגירונג האָט זיך דאָך ניט געקענט אָפּרעכענען מיט אַלע קאָזאַקן דערפאַר, ווײַל זשעליאַבאָוו האָט געשטאַמט פון קאָזאַקן, אָדער מיט אַלע פּראַוואָסלאַוונע גלחים דערפאַר, ווײַל קיבאַלטשיטש האָט געשטאַמט פון פּראַוואָסלאַוונע גלחים, אָדער מיט אַלע גובערנאַטאָרן דערפאַר, ווייל סאָפיע פּעראָווסקי איז געווען די טאָכטער פון אַ גובערנאַטאָר. העלפמאַן איז אָבער געווען די טאָכטער פון אַ יִדישן פישער פון מינסקער גובערניע — די טאָכטער פון אַ פאָלק, וואָס איז דער היסטאָרישער שעיר-לעזאָזל. און מען האָט זיך שוין באַלד גענומען אָפּרעכענען מיט אַלע יִדן. איבערן גאַנצן לאַנד האָט מען גענומען פּליוכען מיט גיפט, אַז די „זשידעס" פירן עס אַראָפּ פון וועג די רוסישע יוגנט. צום סוף האָט מען שוין אײַנגעשמועסט אויך דעם טעמפּן רשע, אַלעקסאַנדער דעם דריטן, וואָס פון אָנהייב האָט ער זיך געשראָקן פאַר די פּאָגראָמען, אַז די שולדיקע אין אַלץ זײַנען די „זשידעס".

און דאָס איז געווען די ביטערע איראָניע פון יִדישן גורל: בעת די פּאָגראָמען זײַנען געווען די נקמה פון די צאַרישע הענקערס, הלמאַי יִדן נעמען אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט מען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג גראָד סימפּאַטיזירט מיט די פּאָגראָמען — מיט אָט דער נקמה פון די צאַרישע הענקערס. אין ביידע פּאַרטייען, אין „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און אין „טשאָרני פּערעדעל", האָבן רוסישע רעוואָלוציאָנערן באַגריסט די פּאָגראָמען, מיט וועלכע די רעגירונג האָט באַשטראָפט זייערע יִדישע חברים.

די רעגירונג האָט זיך אַלץ מער אַרומגעזען, אַז זי מוז האָבן די פּאָגראָמען-באַוועגונג, וואָס זאָל אָפּציען די מאַסן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. און צו דער זעלביקער צײַט האָט מען אין געוויסע רעוואָלוציאָנערע קרײַזן געהאַלטן, אַז די פּאָגראָמען-באַוועגונג איז גאָר נוצלעך פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס וועלן זיך סוף כּל סוף נעמען אויך צו די פּריצים און די טשינאָווניקעס. און אויב אַפילו דאָס זאָל ניט געשען, האָט מען סײַ-ווי גערעכנט, אַז מען טאָר צוליב די יִדן פון

„פֿאָלק" ניט אָפּשטיין, מיטן „פֿאָלק" ניט אײַנרײַסן. טיילוויַז האָבן דאָ געווירקט די באַקוניסטישע בונטאַרישע שטימונגען, וואָס האָט זיך באַצויגן פּאָזיטיוו אַפֿילו צו דער ווילדסטער פֿאָלקס־באַוועגונג, אַבי נאָר עס זאָל זײַן באַוועגונג, אומרו, בונט. טיילווײַז האָט דאָ געהערשט דער באַגריף, אַז אַלע־אַלע יידן, אויב זיי זײַנען ניט קיין פּאָליאַקאָווס און בראָדסקיס, זײַנען זיי בכל אופֿן אַ ניט־פּראָדוקטיווער עלעמענט, עקספּלואַטאַטאָרס, פּיאַווקעס. פֿון די גרויסע ייִדישע מאַסן, נײַן צענטל פֿון ייִדישן פֿאָלק, וואָס פּראַצעווען ביטער און פֿינצטער אין דלות, האָבן ניט געוווסט און ניט געוואָלט וויסן אַפֿילו די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן אַליין, וואָס זײַנען „געגאַנגען" דווקא נאָר צום רוסישן פֿאָלק. און עס איז געווען אי זייער טרויעריק און אי זייער קאָמיש אָנצוקוקן, ווי אַזוי, למשל, סײַ דער הויפּט־פּראָקוראָר סטרעלניקאָוו, דער פֿינצטערער פֿאַרפֿאָלגער און פּײַניקער פֿון די רעוואָלוציאָנערן אויפֿן דרום, און סײַ זײַנע פֿאַרפֿאָלגטע, פֿאַרפּײַניקטע קרבנות, די רעוואָלוציאָנערן (וועלכע האָבן אים צום סוף טאַקע דערהרגעט)[9] — ביידע האָבן זיי געזונגען צוזאַמען, איין רירנדיקע האַרמאָניע, איין און דאָס זעלביקע לידל, אַז די פּאָגראָמען זײַנען דער אויסדרוק פֿון „געררעכטן צאָרן פֿון פֿאָלק" קעגן די זשידאָווסקע פּיאַווקעס. נאָר די גאַנץ מעסיקע ליבעראַלן האָבן זיך געהאַלטן צו די פּאָגראָמירטע ייִדן קאָרעקט. אין דער פּראַקטיק פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט מען נאָך ניט געלערנט די לעקציע, וואָס אין דער פּראַקטיק פֿון דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט מען שוין דעמאָלט פֿעסט אײַנגעשטודירט,—אַז אויב דער ווילדער אַנטיסעמיטיזם איז זייער נוצלעך פֿאַר די שוואַרצע כּוחות, איז ער געוויס שוין מער שעדלעך פֿאַר די ליכטיקע כּוחות.

און סוף אויגוסט 1881 האָט דער באַרימטער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אַרויסגעלאָזן די שענדלעכע פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציע „צום אוקראַיִנישן פֿאָלק", אויפֿגעפֿאָדערט די מאַסן אָנצוגיין ווײַטער מיט די פּאָגראָמען, וואָס האָבן זיך שוין אַרום יענער צײַט געהאַט אַ ביסל אײַנגעשטילט. די גרויסע גײַסטער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", מיט אַ פּאָר אויסנאַמען, זײַנען שוין אין „קאָמיטעט" ניט געווען. דער תּלין האָט זיי שוין געהאַט ליקווידירט. פּונקט מיט אַ יאָר פֿריִער, סוף אויגוסט 1880, ווען עס האָבן געווירקט זשעליאַבאָוו, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, סאָפֿיאַ פּעראָווסקי, האָט דער זעלביקער „קאָמיטעט" אַרויסגעלאָזט, אויף זײַן געווייינטלעכן שטאָלצן אופֿן, די געהויבענע פּראָקלאַמאַציע „צום רוסישן אַרבעטער־פֿאָלק". מען האָט צוגעזאָגט אַלע אונטערדריקטע פֿעלקער באַפֿרײַונג.[13] ווי נידעריק דער „קאָמיטעט" איז אין פֿאַרלויף פֿון איין יאָר געפֿאַלן! איינע פֿון די הויפּט־סיבות איז געווען דער שטרענג צענטראַליזירטער כאַראַקטער זײַנער, וואָס מען האָט געמוזט צוליב קאָנספּיראַציע אָנהאַלטן. דעם הויפּטטאָן האָבן געגעבן נאָר ווייניק, און ווען די בעסטע זײַנען אומגעקומען אין קאַמף, האָבן די ערגסטע, וואָס האָבן זיך דאָרט אַרײַנגעכאַפּט, שוין געגעבן אַזאַ מיאוסן טאָן. איז דאָך ראָמאַנענקאָ, דער מיטגליד פֿון „קאָמיטעט" און דער שרײַבער פֿון דער פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציע, צום סוף טאַקע געוואָרן אַ שוואַרץ־מאהניק. איז דאָך טיכאָמיראָוו, דער הויפּט־טאָנגעבער און רעדאַקטאָר פֿון די פּאַרטיי־אויסגאַבעס, צום סוף טאַקע אַוועק זיך קניִען, ווי אַ בעל־תּשובֿה, פֿאַר די קבֿרים פֿון די צאַרן. ווײַטער: די פּאַרטיי בכלל איז געווען קעגן דער פּראָקלאַמאַציע. אויך אין „קאָמיטעט" זײַנען געווען מיטגלידער, וואָס זײַנען געווען קעגן אָט דער מיאוסקייט, און מען האָט איר פֿאַרשפּרייטונג אָפּגעשטעלט. דאָך האָט מען אין די באַריכטן וועגן די פּאָגראָמען אַלץ נאָך גערעדט מיטן לשון פֿון סטרעלניקאָוון. און מיט

---

[9] גענ׳ סטרעלניקאָוו—מיליטערישער פּראָקוראָר, האָט זיך אויפֿן פּראָצעס איבער די אָנטיילנעמער אין פּאָגראָם אין קיעוו, אין מאַי 1881, פֿאַרהאַלטן אָפֿן אַנטיסעמיטיש (זע די דאָקומענטן אין אַרטיקל פֿון נ. מ. געלבער „די פּאָגראָמען אָנהייב די 80ער יאָרן", לויטן ווינער מלוכה־אַרכיוו, „היסט׳ שריפֿטן", ב׳ II).

אַ פּאָר חדשים נאָך דער פּראָקלאַמאַציע האָט זיך באַוויזן אין דעם פּאַרטיי-אָרגאַן „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ אַ קאָרעספּאָנדענץ, ווו דער שרײַבער פּאָלעמיזירט שאַרף מיט די פּאָגראָם-געגנער.[10] ער וואַרפֿט זיי אויף, אַז ראָבעספּיער און זײַנע חברים אין דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע וואָלטן זיך געוויס באַצויגן מיט מיטגעפֿיל צו אַזאַ עכטער פֿאָלקס-באַוועגונג, ווי די פּאָגראָמען. וואָס פֿאַר אַ גראָבע עם-הארצות! גראָד שוין אין אָנהייב פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן די דײַטשן פֿון עלזאַס זיך אַ נעם געטאָן צו מאַכן פּאָגראָמען אויף ייִדן. און גראָד ראָבעספּיער און זײַנע חברים האָבן פֿון אָנהייב אָן פֿאַרנומען אַן ערנפּלאַץ צווישן די פֿאַרטיידיקער פֿון די ייִדן. „מען טאָר ניט אָפּנעמען בײַ קיינעם די הייליקע רעכט, וואָס דער נאָמען מענטש גיט!“—האָט ראָבעספּיער, אויף זײַנע ערשטע טריט נאָך, געזאָגט אין זײַן רעדע וועגן די עלזאַסער ייִדן.

אַזוי האָט מען זיך פֿאַרהאַלטן צו די פּאָגראָמען אין דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. ווי אַזוי האָט מען זיך פֿאַרהאַלטן צו זיי אין דער צווייטער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, אין „טשאָרני פּערעדעל“ — דערציילט וועגן דעם אין זײַנע זכרונות אַ כאַראַקטעריסטישע מעשה יוסף געצאָוו, איינער פֿון די גאָר עלטסטע רעוואָלוציאָנערע טוער אין מינסק, וואָס האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע. געצאָוו האָט געהערט צום „טשאָרני פּערע-דעל“. און ווען די געהיימע דרוקערײַ פֿון דער פּאַרטיי אין פּעטערבורג איז אין 1880 דורכגעפֿאַלן און די אָנטייל-נעמער זײַנען אַרעסטירט געוואָרן, האָט געצאָוו, מיט דער הילף פֿון נאָך צוויי מינסקער ייִדישע בחורים, גרינפּעסט און לעווקאָוו, אײַנגעשטעלט אַ געהיימע דרוקערײַ אין מינסק, ווו זיי פֿלעגן דרוקן דעם פּאַרטיי-אָרגאַן, „טשאָרני פּערעדעל“, און אַ פּאָפּולערע צײַטונג פֿאַר אַרבעטער מיטן נאָמען „זערנאָ“. די רעדאַקציע איז געווען אין פּעטערבורג, פֿונוואַנען מען פֿלעגט זיי אַרויסשיקן די מאַנוסקריפּטן, וואָס זיי פֿלעגן אין מינסק אויסזעצן און אָפּדרוקן, דערנאָך פֿלעגט מען אָפּפֿירן די אָפּגעדרוקטע נומערן קיין פּעטערבורג. איין מאָל, אין 1881, קומט זיי אָן פֿאַרן „זערנאָ“ אַן אַרטיקל וועגן די פּאָגראָמען אויף דרום. לייענען זיי איבער דעם אַרטיקל און ווערן אויסער זיך: דער שרײַבער באַגריסט די פּאָגראָמען, זעט אין זיי שוין דעם אָנהייב פֿון דער רעוואָלוציע און פֿאָדערט אויף אָנצוגיין ווײַטער מיט די פּאָגראָמען, ניט דורכלאָזנדיק דערבײַ שוין די פּריצים און פּאָליציי. די דרײַ מינסקער בחורים, קינדער פֿון אָרטאָדאָקסישע עלטערן, וואָס זײַנען געקומען אין דער באַוועגונג פֿון חדר, באַשליסן איינשטימיק, אַז זיי וועלן אַזאַ אַרטיקל ניט אויסזעצן. און געצאָוו פֿאָרט קיין פּעטערבורג, זעט זיך מיטן שרײַבער פֿון פּאָגראָם-אַרטיקל און ווירקט אויס, אַז דער שרײַבער אַליין צערײַסט זײַין אַרטיקל און שרײַבט באַלד אָן אַן אַנדערן — שוין קעגן די פּאָגראָמען.[11] אָט אַזוי לײַכטזיניק האָט עס דער רוסישער רעוואָלוציאָנער מאַניפּולירט מיטן האָב און גוטס און געזונט און לעבן פֿון מיליאָנען ייִדישע אביונים.

און אין אַן אַנדער גאַס דערבײַ אין מינסק, אפֿשר אין דעם זעלביקן אָוונט, ווען די דרײַ ייִדישע רעוואָלוציאָנערן האָבן געלייענט מיט אַ פֿײַנלעכן געפֿיל דעם פּאָגראָם-אַרטיקל פֿאַרן „זערנאָ“, האָב איך, נאָך גאָר אַ קליינער ייִנגל, געהערט מיט אַ פֿײַנ-לעכן געפֿיל בײַם פֿעטער אין הויז די מעשה וועגן די פּאָגראָמשטשיקעס און די סאָציאַליסטן.

ווי אַזוי האָבן די דערוואַקסענע ייִדן אויפֿגענומען אָט די מעשה? גראָב איך זיך אין זיכרון און קען זיך גאָרנישט דערמאָנען. קענטיק, אַז אויף קיינעם אין הויז האָט אָט

---

10 ווערט געמיינט דער אַרטיקל „איבערזיכט פֿונעם אינעווייניקסטן לעבן“ אינעם אָרגאַן „נאַר׳ וואָליאַ“ נומ׳ 6, פֿונעם 23טן אָקטאָבער 1881 (זע אַרט׳ פֿון א. טשעריקאָווער). — רעד׳.

11 זע ל. דייטש, די ראָלע פֿון ייִדן אין דער רוסישער רעוו׳ באַוועגונג (בערלין 1923). רעד׳.

די מעשה פֿון פּעטער גרשון-לייב קיין גרויסן רושם ניט געמאַכט. זײַנען דאָך ייִדן אַרומגע־רינגלט מיט אַזוי פֿיל צוררים! נו, איז נאָך אַ ביסל — די סאָציאַליסטן. בײַ דער גאַנצער סענסאַציע פֿון די טעראָריסטישע אַקטן, בײַ דער גאַנצער פֿאַרהערלעכונג פֿון די העלדן פֿון אָט דער סענסאַציע האָבן די ייִדן אויפֿן רעוואָלוציאָנערן קאַמף קיין וואָג ניט געלייגט. זיי האָבן פֿאַרבונדן זייערע בעסטע האָפֿענונגען מיט שתּדלנות אין פּעטערבורג, אפֿשר מיט כאַבאַר אין פּעטערבורג, אָבער ניט מיטן זיג פֿון דער רעוואָלוציע אין פּעטערבורג — ניט מיט דער באַפֿרײַונג, וואָס אָט דער זיג וואָלט זיי געקענט ברענגען.

דאָס איז געווען דער טעות פֿון די דעמאָלטיקע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיי האָבן אין גאַנצן אויסגעלאָזן די ייִדישע מאַסן — ניט געזען דעם גרויסן פּאָטענציעלן רעוואָלוציאָנערן כּוח פֿון די ייִדישע מאַסן אין רוסלאַנד. אומעטום האָבן די רעוואָלוצי־אָנערן געזוכט אַלץ „אומצופֿרידענע עלעמענטן". אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, די הערלעכסטע פּערזענלעכקייט אין דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", איז אַוועק אַפֿילו צו די פֿאַרווילדעוועטע „ראַסקאָלניקעס",[12] און ער האָט לאַנג געלעבט צווישן זיי, געדולדיק שטודירט זייער טעאָלאָגיע, אָנטייל גענומען אין זייערע דיספּוטן וועגן אַנטיקריסט. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אַ היפּשע ראָלע אין דעם אויפֿברויז פֿון די „ראַסקאָלניקעס" האָט געשפּילט אַ ייִדישע גימטריא. „נרון קסר" איז בגימטריא — 666; דער רוימישער קייסער נירון, דער פֿאַרפֿאָלגער פֿון די ערשטע קריסטן, איז פֿאַרשאָלטן פֿון דער קירך ווי אַ שטן, אַן אַנטיקריסט. לייגט מען נאָך צו 1000, דעם מיסטישן „מילעניום", די ערשטע טויזנט יאָר נאָך קריסטוסן, באַקומט זיך 1666. הייסט עס, אַז דער רוסישער צאַר אַלעקסעי מיכאַילאָוויטש, וואָס האָט רעגירט אין יאָר 1666, איז פּשוט דער שטן, דער אַנטיקריסט, וואָס מאַסקירט זיך אין געשטאַלט פֿון דעם מאָסקווער צאַר. הייסט עס, אַז אַלע זײַנע נײַע איינפֿירן אין דער קירך און אין דער מלוכה זײַנען אײַנפֿירן פֿון שטן, פֿון אַנטיקריסט. אַזוי האָט ניט בלויז געפּריידיקט, נאָר געבושעוועט דער פּראָטאָפּאָפּ אַוואַקום,[13] דער גרינדער פֿון דער סעקטע, וואָס האָט דערפֿאַר באַצאָלט מיט זײַן לעבן אויפֿן שײַטערהויפֿן. און אָט מיט אַזעלכע דרשות און וויכּוחים האָט זיך דאָס אָפּגעגעבן אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, איינער פֿון די צוויי-דרײַ הויפּטפֿירער פֿון דער פּאַרטיי — געפּטרט אויף דעם אַ רעכט ביסל צײַט פֿון זײַן קורצן, אָבער גרויסן לעבן. אַלץ דערפֿאַר, ווײַל מען האָט געהאַלטן די „ראַסקאָל־ניקעס" פֿאַר אַן „אומצופֿרידענעם עלעמענט", וואָס מען וועט קענען אויפֿבונטעווען קעגן דער רעגירונג. און צו דער זעלביקער צײַט האָבן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, אין זייער פֿאַרבלענדעניש, גאָר נישט באַמערקט די פֿיל-מיליאָניקע ייִ ד י ש ע מאַסע, די אומצו־פֿרידנסטע פֿון די אומצופֿרידענע, וואָס האָט מיט 15 יאָר שפּעטער זיך אָנגעצונדן און מיטגעווירקט אַזוי מעכטיק אָנצוצינדן מיט רעוואָלוציאָנערן פֿײַער גאַנץ רוסלאַנד.

איז די פֿיל-מיליאָניקע ייִדישע מאַסע געבליבן אָן אַ זײַט פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. און געקוקט האָט דער רוסישער ייִד און אויסגעקוקט זײַנע צעשראָקענע אויגן נאָר אויפֿן גוטן ווילן פֿון שלעכטן הערשער.

דאָס איז געווען, זינט גאַנץ אַלטע צײַטן, די געשיכטלעכע דערפֿאַרונג פֿון די ייִדן אומעטום. מיט צוועלפֿטהאַלבן הונדערט יאָר צוריק איז קאַרל דער גרויסער, שאַרלמעין,

---

[12] „ראַסקאָלניקעס" (אָדער „אַלטגלייביקע") — אַ רעליגיעזע סעקטע, ריכטיקער — סעקטעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן אין די 60ער יאָרן פֿון 17טן י"ה פֿון דער אָפֿיציעלער פּראַוואָסלאַווער רוס׳ קירך אַלס פּראָטעסט קעגן דער צענטראַליזירטער קירכנמאַכט מיט די נײַע סדרים, וואָס די צאַרן האָבן אײַנגעפֿירט. אין משך פֿון הונדערטער יאָרן זײַנען די „ראַסקאָלניקעס" געשטאַנען אין שאַרפֿער אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג אויפֿן רעליגיעזן באָדן; זיי האָבן עקזיסטירט נאָך ביז דער לעצטער צײַט.
ר ע ד׳.

[13] פּ ר אָ ט אָ פּ אָ פּ  אַ וו אַ ק ו ם — דער גרינדער פֿון דער סעקטע „ראַסקאָלניקעס"; איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין 1682.
ר ע ד׳.

געווען איינער פֿון די גאָר „אָרנטלעכע גוים“, ריכטיק ווי מײַן טאַטע האָט געווונטשן: האַלב אויף האַלב — ניט צו פֿאַנאַטיש און ניט צו צעלאָזן. האָט ער געטאָן יִדן טובֿות און געעפֿנט אַפֿילו פֿאַר זיי די דײַטשע לענדער, פֿונוואַנען דער נאַציזם יאָגט זיי איצט אַרויס. שאַרלמעין האָט די ווילדע דײַטשע געצנדינער געמאַכט איבער גוואַלד פֿאַר ווייניקער ווילדע קריסטן, אַזוי ווי דער נאַציזם מאַכט איצט איבער גוואַלד די נאָך גאַנץ ווילדע דײַטשע קריסטן צוריק פֿאַר נאָך ווילדערע געצנדינער. דאָס זעט אויס, ווי איך האָב שוין איין מאָל געשריבן, כמעט ווי סימבאָליש. גראָד שאַרלמעין, וואָס האָט אין דײַטשלאַנד פֿאַרשפּרייט דאָס קריסטנטום, האָט אויך געהאָלפֿן די יִדן צו פֿאַרשפּרייטן זיך אין דײַטשלאַנד, בעת דער נאַציזם, וואָס זוכט איצט אויסצואָרצלען דאָרט די יִדן, זוכט דאָרט אויסצוואָרצלען אויך דאָס קריסטנטום. שאַרלמעין איז אגבֿ געווען ניט נאָר אַן „אָרנטלעכער“, נאָר אויך זייער אַ קלוגער גוי. אַזוי ווי בײַ די אימפּעריאַליסטן פֿון אונדזער צײַט, איז אויך בײַ אים פֿריער געגאַנגען דער מיסיאָנער, דער גלח, מיטן גאָלדענעם צלם און מיט די פֿאַרביקע קלויסטער-קליידער; דערנאָך איז געגאַנגען דער סאָלדאַט, מיט דער לאַנגער בלאַנקענדיקער פּיקע און דעם אײַזערנעם פּאַנצער; דערנאָך האָבן זיך געטאָן הוידען אין די בוידן אונדזערע עלטער-עלטער זיידעס, מיט די טײַערע געווירצן, טײַערע געוואַנטן, דערהויפּט אָבער מיטן גאָלד, וואָס איז דעמאָלט אַזוי זעלטן געווען אין דײַטשלאַנד — מיטן זעלביקן יִדישן גאָלד, וואָס דער נאַציזם פֿאַרכאַפּט דאָס איצט, בעת די יִדן טרײַבט ער אַרויס. אָבער שאַרלמעינס נאָכקומער אין דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע“ (וואָס איז געווען, ווי לצים פֿלעגן זאָגן, ניט קיין הייליקע און ניט קיין רוימישע און ניט קיין אימפּעריע) האָבן נאָך לאַנג פֿאַרן נאַציזם נאָכאַנאַנד אַלץ געמאַכט די זעלביקע קונצן מיטן יִדישן גאָלד. יִדן האָבן דאָרט געקענט ווי-עס-איז געדײַען נאָר ווי „קאַמערקנעכט“ פֿון הערשער, פֿאַר וועמען זיי האָבן געמוזט נאָכאַנאַנד זאַמלען גאָלד, כּדי ער זאָל עס קענען זיי נאָכאַנאַנד אַוועקנעמען. יִדן האָבן דאָרט געקענט לעבן (און נאָך מער שטאַרבן, מאַסנווייז שטאַרבן אויף קידוש-השם) נאָר מיטן חסד פֿון די גרעסערע הערשער אין זייער קאַמף מיט די קלענערע המנלעך. דאָס איז געווען דער קאַמף פֿון די גרעסערע הערשער קעגן די רויבער-באַראָנען פֿון די באַרגשלעסער און די קאָלבאַסניקעס פֿון די שטאָטישע גילדעס, וואָס זײַנען אויך געווען די בלוטיקסטע יִדישע שונאים — אָט יענע רויבער-באַראָנען און קאָלבאַסניקעס, וואָס היטלער האָט איצט, אויסנוצנדיק דעם קאַמף פֿון דער בורזשואַזיע קעגן דעם אַרבעטער-קלאַס, מיטלאַלטערלעך אין זייער פֿינצטערער מאַכט אויפֿגעשטעלט. גאַנצע טויזנט יאָר, צווישן קאַרל דעם גרויסן און דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן יִדן, אויף אַ מער אָדער ווייניקער אומגליקלעכן אופֿן, אַזוי געלעבט. ערשט מיט דער גרו'סער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געקומען די גרויסע ענדערונג. בײַ די גראַטעס פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג, וווּהין אַ יִדישע דעלעגאַציע איז געקומען מיט אַ פּעטיציע פֿאַר גלײַכבאַרעכטיקונג, האָבן זיך שוין די יִדן געשטעלט מיטן פּנים צום פֿאָלק און ניט צו די הערשער. און זיי האָבן זייער עמאַנסיפּאַציע געוווּנען. אין אַנטיסעמיטישן דײַטשלאַנד האָט געדאַרפֿט נעמען נאָך אַ האַלב יאָרהונדערט, איידער ריסער האָט אויסגעפֿירט, נאָך אַ לאַנגן, האַרטנאַקיקן קאַמף, אַז די ליבעראַלע בורזשואַזיע זאָל אַרײַננעמען די יִדישע גלײַכבאַרעכטיקונג ווי אַ פּונקט אין איר פּראָגראַם. עס האָט געדאַרפֿט נעמען נאָך אַ פֿערטל יאָרהונדערט, איידער אויך די דײַטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אויפֿגענומען אַן אַקטיוון קאַמף קעגן דעם קריסטלעך-סאָציאַלן אַנטיסעמיטיזם פֿון די שטעקערס, — די פֿאָרגייער פֿון היטלערן מיט 50 יאָר צוריק — דעם „סאָציאַליזם פֿון די דומע יונגן“, ווי בעבעל האָט אים גערופֿן. כאָטש די דײַטשע יִדן האָבן געהערט אין זייער גרויסער מערהייט צום פֿאַרמעגלעכן קלאַס, איז דאָך אָבער בשום אופֿן ניט געווען אין די אינטערעסן פֿון אַרבעטער-קלאַס צו פֿירן דעם קלאַסנקאַמף נאָר קעגן איין טייל פֿון דער בורזשואַזיע — קעגן דעם יִדישן טייל.

און בעת אַפילו די ברוטאַלע האָהענצאָלערנשע מלוכה, וואָס אין אָנהייב פון איר קאַמף קעגן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט זי דערמוטיקט די שטעקערס, האָט אין די יאָרן 1881–1882 שוין גענומען באַטראַכטן די פאָרגייער פון נאַציזם פאַר צו ברוטאַל, זיינען געוויסע רוסישע רעוואָלוציאָנערן גראָד דעמאָלט געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער פינצטערער רוסישער רעגירונג, ביי וועלכער דער ברוטאַלסטער אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן אַ וויכטיקער טייל פון דער אַרבעט פון דער „אָכראַנקע". און בעת אויף איין זייט גרענעץ, אויף דער דייטשער זייט, האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַקעמפט שטעקערן און זיין סאָציאַלן אַנטיסעמיטיזם, כאָטש 90 פּראָצענט פון די דייטשע יידן האָבן געהערט צו די רייכע קלאַסן, האָבן אויף דער אַנדער זייט, אויף דער רוסישער, טאָציאַליסטן אַליין מיטגעהאָלפן דעם רוסישן שטעקעריזם, דעם „אָכראַנקע"-שטעקעריזם — מיטגעהאָלפן אים אין זיין ברוטאַלסטער פאָרם, אין פאָרם פון פּאָגראָמען, כאָטש 90 פּראָצענט פון די רוסישע יידן האָבן געהערט צו די אָרעמע קלאַסן און די מערסטע וואָס האָבן געליטן פון די פּאָגראָמען, זיינען געווען ביטערע אביונים.

דאָס איז אָבער נאָך אַלעמען ניט געווען אַזוי די שולד פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, ווי פון די י י ד י ש ע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן פאַרמאַכט די אויגן ניט צו זען זייער אייגן פאָלק — דעם דלות, דעם חושך, דאָס מאַרטירערטום פון זייער אייגן פאָלק, די גרויסע באַהאַלטענע רעוואָלוציאָנערע כוחות פון זייער אייגן פאָלק. און נאָך מער איז דאָס געווען די שולד פון די משכילישע טאַטעס, וואָס האָבן די קינדער אַזוי אויפגעהאָדעוועט, אַז שוין אין צווייטן דור זיינען זיי געוואָרן פאַרטרוקנטע בלעטלעך אויפן יידישן בוים — פרעמד שוין אין גאַנצן צו דער יידישער סביבה, צום יידישן וואָרט, צום יידישן אינטערעסן-קרייז.

פּלעכאַנאָוו, אין הייסן דאַמף פון פּאַרטיי-פּאָלעמיק, האָט שפּעטער דערקלערט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", ניט געקוקט אויף אירע גרויסע מאַרטירער, פאַר אַ קליין-בירגערלעכער פּאַרטיי, און די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן האָט ער גערופן „סאָציאַליסטן-רעאַקציאָנערן". דאָס האָט זיך גערעדט אין שייכות צו אַלגעמיין-רוסישע פראַגן. און ווי האָבן זיך פּלעכאַנאָוו און זיינע חברים באַצויגן צו דער פּאָגראָם-פראַגע — זיי, וואָס האָבן שוין געוווינט אין דער שווייץ און געזען, ווי מען קוקט אין דער גרויסער סאָציאַליסטישער וועלט אויפן פּאָגראָם-אַנטיסעמיטיזם? וועגן דעם דערציילט לעוו דייטש אַ כאַראַקטעריסטישע מעשה. די שטעלונג פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען צו די פּאָגראָמען האָט געקרענקט דייטשן און גאָר שטאַרק אַקסעלראָדן. דער העכסט-אויפריכטיקער און פיין-פילנדיקער אַקסעלראָד איז אַזוי דערשיטערט געווען, אַז ער איז פאַר פאַרצווייפלונג געוואָרן, ווי זיין תלמיד גריגאָרי גורעוויטש, אַ „פּאַלעסטינעץ". אין זיינע בריוו האָט ער שוין גערעדט וועגן נאָר איין אויסגאַנג פאַר די רוסישע יידן — אויסוואַנדערונג קיין ארץ-ישראל. דייטש איז אָבער געווען קעגן אַזאַ „אוטאָפּיע". איז געבליבן, אַז מען זאָל פרעגן אַ שאלה ביי עליזע רעקליו, דעם באַרימטן געאָגראַף און אַנאַרכיסט. האָט רעקליו געפּסקנט: ניין! — איז געבליבן: ניין! אַקסעלראָד און דייטש האָבן אָבער געפילט, אַז די פראַגע וועגן די פּאָגראָמען מוז אויפגעקלערט ווערן אין אַ ספּעציעלער בראָשור, אַז אַ שטאַרק וואָרט מוז קעגן אָט דעם פּאָגראָם-מיטגעפיל געזאָגט ווערן, און דווקא פון אַ ניט-יידן. האָבן זיי זיך געווענדט צו פּלעכאַנאָוון, דערנאָך צו לאַווראָוון, דערנאָך צו קראַווטשינסקין (סטעפּניאַק). אַלע דריי האָבן איינגעשטימט, אַז אַזאַ בראָשור איז נייטיק, יעדער איינער פון די דריי האָט אָבער געהאַלטן, אַז ניט ער, נאָר איינער פון די אַנדערע צוויי זאָל די בראָשור אויפשרייבן. און אַזוי איז דאָס שטאַרקע וואָרט צום סוף טאַקע נ י ט געזאָגט געוואָרן.

און די יידישע מיטגלידער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין אַ היפּשער צאָל אין דער שווייץ, ווי האָבן זיי רעאַגירט אויף דער פּאָגראָם-פּראָקלאַמאַציע פון זייער אייגענער פּאַרטיי? — זיי האָבן עס גאַנץ מה-יפיתדיק פאַרשוויגן.

איז קיין וווּנדער ניט, וואָס די מעשה וועגן די סאָציאַליסטן האָט בײַם פּעטער אין הויז קיין איבעראַשונג ניט אַרויסגערופֿן. דער פּלאָנטער פֿון סאָציאַליסטן און פּאָגראָמשטשיקעס איז בײַ די פּשוטע ייִדן גאָר קיין פּלאָנטער ניט געווען. איך בין געווען דער איינציקער, וועמען דער ענין האָט דעם גאַנצן אָוונט געעגבערט. איך האָב דאָך דעמאָלט פֿיל פֿאַנטאַזירט וועגן די סאָציאַליסטן. האָב איך זיך אַלץ געפֿרעגט: סטײַטש, מענטשן, וואָס זײַנען פֿעיִק אויף אַזאַ מסירת-נפֿש, זאָלן זיך אַרײַנרײַסן אין פֿרעמדע הײַזער און אַרויסלאָזן דאָרט די פֿעדערן פֿון די קישנס און ראַבירן און מאָרדן?—און ווען מיר זײַנען שוין געקומען צוריק אַהיים, האָט מיר עפּעס אַ בליק געטאָן אין קאָפּ, און איך האָב דעם טאַטן געזאָגט:

— געדענקסט, טאַטע, וואָס דוד-חיים האָט אַמאָל דערציילט וועגן דעם פּאַפּיר מיט די גאָלדענע אותיות און דער נאָכגעמאַכטער חתימה פֿון קייסער, וואָס מען האָט געוואָרפֿן אין די דערפֿער, אַז די מוזשיקעס זאָלן ראַבירן די פּריצים? אפֿשר איז דאָ וועגן ייִדן אויך עפּעס אַ נאָכגעמאַכטע חתימה?

דער טאַטע האָט איראָניש, פֿון דער זײַט, אויף מיר אַ קוק געטאָן, קרום אַ שמייכל געטאָן און געענטפֿערט:

— וואָס מיינסטו? טאָמער האָט עמעצער די סאָציאַליסטן אַרײַנגענאַרט מיט אַ פֿאַלשן מאַניפֿעסט? ניין, קינד! ייִדן זײַנען ניט קיין פּריצים. מיט אונדז דאַרף מען ניט מאַכן אַזעלכע מחזוקות. מען וועט אַלע מאָל שלאָגן.

און דערמאָנענדיק זיך איצט אָן מײַן קינדערשן אײַנפֿאַל, דענק איך, אַז אינטויִטיוו האָב איך עס דאָך ריכטיק אויפֿגעכאַפּט.

קיין נאָכגעמאַכטע חתימה איז דאָ געוויס ניט געווען. די פּאָגראָם-פּראָקלאַמאַציע איז טאַקע אַרויס פֿון „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". אָבער אַ געוויסע שײַכות צו דער פֿיל-גערימטער „טשיהירינער אַפֿערע" האָט עס יאָ געהאַט — צום געפֿעלשטן קייסער-מאַניפֿעסט, וואָס סטעפֿאַנאָוויטש האָט אַרויסגעלאָזט אין טשיגירינער אויעזד, אַזוי ווי צו אַלערליי אַנדערע געפֿעלשטקייטן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן הכשר.[14] דאָס איז די זינדיקע פֿאַרבינדונג פֿון רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט מיט אַוואַנטוריזם, וואָס בײַ אַזאַ ערנסטן רעוואָלוציאָנער, ווי סטעפֿאַנאָוויטש, האָט עס אויסגעזען זייער ראָמאַנטיש, אָבער בײַ אַזאַ נפֿש, ווי ראָמאַנאָווסקי, איז שוין דערפֿון געבאָרן געוואָרן אַ מיאוסער ממזר – די פּאָגראָם-פּראָקלאַמאַציע. און מיט אָנדערהאַלבן יאָר שפּעטער, אין די טעג פֿון דעגאַיעוון, האָט עס געבראַכט דערצו, אַז דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" איז שוין אַ געוויסע צײַט געווען ניט מער ווי אַ טונקעלע אָפּטיילונג פֿון דער „אָכראַנקע" פֿון אייבער-שפּיאָן סודייקין, וואָס האָט רעדאַקטירט זײַנע רעוואָלוציאָנערע צײַטשריפֿטן און אַרויסגעגעבן זײַנע רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס.

און ווען סודייקינס געהילף, דער פּראָוואָקאַטאָר דעגאַיעוו, האָט דעמאָלט, אין יאָר 1883, געבראַכט אין דער געהיימער פּעטערבורגער דרוקערײַ פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" נאָך אַ פּאָגראָם-פּראָקלאַמאַציע, אַ באַשטעלטע געוויס פֿון דער „אָכראַנקע", און

14 די „טשיהירינער אַפֿערע" איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1876—1877 צווישן די פּויערים פֿון טשיהירינער אויעזד (קיעווער גוב') פֿון די מיטגלידער פֿון דער א"ג ,גרופּע דרום-רוסישער בונטאַרן"—י. סטעפֿאַנאָוויטש, ל. דײַטש און באָכאַנאָווסקי, וואָס האָבן דערבײַ פֿאַרשפּרייט אַ געפֿעלשטן „צאַרישן מאַניפֿעסט", אַז די פּויערים זאָלן מיט גוואַלד פֿאַרכאַפּן די ערד בײַ די פּריצים. עס האָט זיך געגרייט אַן אויפֿשטאַנד, אין וועלכן עס זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן ביז 1000 פּויערים, אָבער די פּאָליציי האָט עס אַנטדעקט, אַרעסטירט די איניציאַטאָרן (שפּעטער אַנטלאָפֿן פֿון טורמע) און פֿאַרשיקט 74 פּויערים. סטעפֿאַנאָוויטש און דײַטש זײַנען שפּעטער אַריבער צו די „זעמלעוואָלצעס". די „טשיהירינער אַפֿערע" האָט אַרויסגערופֿן אַן אומצופֿרידנקייט בײַ דאָס רובֿ רעוואָלוציאָנערן, וואָס זײַנען געווען קעגן די מעטאָדן פֿון אויפֿהייבן די פּויערים דורך פֿאַלשע מאַניפֿעסטן.
רעד'.

פֿאַרלאַנגט אין נאָמען פֿון „צענטער" זי אָפּצודרוקן, האָט די זעצערקע פֿון דער דרוקעריי פּראַסקאָוויאַ (פּיאָדאָראָוונאַ) באָגאָראַז, אַ ייִדישע פֿרוי (די שוועסטער פֿון שריפֿטשטעלער טאַן-באָגאָראַז), שוין ניט געשטעלט זיך אַזוי אַנטשיידן אַנטקעגן, ווי עס האָבן געטאָן די אויבן דערמאָנטע מינסקער בחורים. פּראַסקאָוויאַ איז געווען אַ קורסיסטקע, שוין אין גאַנצן אַסימילירט, געטויפֿט אַפֿילו. (שעבאַלין דערציילט אין „בילאָיע", יאַנואַר 1907,[15] אַלע איינצלהייטן, ווי אַזוי זי האָט געלערנט ביים גלח דעם קאַטעכיזיס און דורכגעמאַכט די צערעמאָניע פֿון פּראַוואָסלאַוונעם שמד, כּדי צו קענען חתונה האָבן מיט אים פֿיקטיוו און זיין די לעגאַלע בעל-הביתטע פֿון דער דירה, וווּ די געהיימע דרוקעריי איז געווען. ער דערמאָנט אָבער אין אַן אַרטיקל, אַז זי האָט פֿון אָט דער „פֿיקטיווער חתונה" געבאָרן דערנאָך אין טורמע אַ קינד, וואָס איז דאָרט געשטאָרבן, און די מאַמע איז דערנאָך אַראָפּ פֿון זינען און איז אויך געשטאָרבן אין טורמע). פּראַסקאָוויאַ באָגאָראַז האָט געפּרוּווט מיט דעגאַיעוון דעבאַטירן קעגן דעם כאַראַקטער פֿון דער פּראָקלאַמאַציע, געפּרוּווט ענדערן אַ פּאָר ערטער, און סוף-כּל-סוף האָט זי דאָך די פּאָגראָם-פּראָקלאַמאַציע אויסגעזעצט און אָפּגעדרוקט — מיט די אייגענע ייִדישע הענט אויסגעזעצט און אָפּגעדרוקט.

* * *

אין פּרק שטייט, אַז ווען מען לערנט אין דער קינדהייט – איז גלייך ווי מען שרייבט אויף נייעם פּאַפּיר, און ווען מען לערנט אויף דער עלטער — איז גלייך ווי מען שרייבט אויף אויסגעריבענעם פּאַפּיר. די מעשה וועגן די סאָציאַליסטן און די פּאָגראָמען, וואָס איך האָב געהערט אין מיין קינדהייט פֿון פֿעטער גרשון-לייב, האָט מיך לאַנג ניט געעגבערט. אַנדערע מעשיות, איינדרוקן, איבערלעבונגען האָבן זי באַלד פֿאַררוקט ערגעץ ווו אין די טיפֿענישן פֿון זיכּרון. געבליבן אָבער איז זי דאָרט אויפֿגעשריבן אויף נייעם פּאַפּיר.

און אויפֿגעשטאַנען איז זי פֿאַר מיר פֿון זיכּרון ערשט מיט אַ יאָר צען שפּעטער — שוין פֿיל קלאָרער, שאַרפֿער, ווייטאָגדיקער.

## VI

אונדזער נייע דירה.—די כאַטאַיעוויצער שול.—מיינע נאַכט-עקסקורסיעס.—אגרת בת מחלת.—דער קליינינקער מתמיד.—דער באַהאַלטענער שבתי-צבֿיניק.—די היציקע וויכּוחים ביים פֿעטער מענדל אין הויז וועגן די חובֿבֿי-ציון.—מיין טאַטע אַמאָל און די בונדיסטן שפּעטער.—מיין קינדערשער ראָמאַן. — די פּאָגראָם-שרעק פּסח 1882.—איגנאַטיעווס מאַי-גזרות.

אַ לאַנגע צייט האָב איך זיך ניט געקענט צוגעוווינען צו אונדזער נייער דירה — צו איר ענגעניש און פֿינצטערניש. צוויי צימערלעך אויף אַן אונטערשטן עטאַזש און איין איינציק פֿענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ פֿאַרמויערטן הויף. זייער שטאַרק האָב איך געבענקט נאָכן אָפּגעברענטן הויז אויפֿן בערגל, נאָך די זון-פֿאַרגאָסענע פֿענצטער, נאָך דער רחבֿות הינטער די פֿענצטער. אָבער איך האָב שוין דעמאָלט

---

[15] מ. שעבאַלין — אָנגעזעענער מיטגליד פֿון „נאַר' וואָליאַ" פֿון צווייטן פּעריאָד (80ער יאָרן), אָפּגעזעסן אין שליסלבורגער פֿעסטונג 12 יאָר און דערנאָך אויף אַ סך יאָרן פֿאַרשיקט אין סיביר; איצט — פֿאַרוואַלטער פֿון מוזיי א"נ פֿון קראָפּאָטקין אין מאָסקווע. די דערמאָנטע זכרונות זיינען געווען אָפּגעדרוקט אינעם באַקאַנטן זשורנאַל פֿאַר געשיכטע פֿון רוס' רעוואָלוציע "Былое", פּעטערבורג 1907, א"נ „די פּאָליגדרוקעריי פֿון נאַר' וואָליאַ אין 1883"; איצט זיינען אַרויס זיינע מעמואַרן "Клочки воспоминаний", מאָסקווע 1935, פֿאַרל' „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס", 395 זייטן. - רעדאַקציע.

געגומען אַרײַנקוקען אין אַ מוסר-ספֿר און געוווּסט, אַז דאָס זײַנען נאָר חיצוניות, אויסערלעכקייטן. איך האָב געהאַט אַ רויט-געבונדענעם ביכעלע מיט געלבלעכע געווי-רעטע בלעטלעך, ווו איך פֿלעג פֿאַרשרײַבן אויפֿן לשון פֿון לוצאַטאָ און מאַפּו שירים, אַפּאָריזמען און תּקנות, ווי אַזוי נוהג צו זײַן זיך. האָב איך דאָרט פֿאַרצייכנט, אַז דער מענטש דאַרף זײַן אַ באַלויכטענער פֿון אינעווייניק, און עס מאַכט גאָר ניט אויס, אויב אין הויז איז פֿינצטער. האָט דאָך גאָט גערעדט צו משהן און צום פֿאָלק ישראל דווקא דורכן „ערפֿל", דורך אַ פֿינצטערן וואָלקן.

„יאה עניותא ליהודאי כּי ברזא סומקא לסוסיא חיורא" (עס איז שיין די אָרעמקייט פֿאַר ייִדן, ווי אַ רויטע לייצע פֿאַר אַ ווײַסן פֿערד) — דאָס איז אַ גמרא-ווערטל, וואָס איך האָב אָפֿט געהערט פֿון טאַטן. דערבײַ פֿלעגט ער אונטערלאַכן: די רויטע לייצע פֿון אָרעמקייט איז אפֿשר שיין, אָבער „אודאָבנע" (באַקוועם) איז זי ניט. דאָך, ווי ניט-גע-ראָטן עס איז אַוועק זײַן לעבן, האָט ער אַלץ מקבל באהבֿה געווען. דעם הויפּט-כּבֿוד האָט מען בײַ אונדז געלייגט אויף תּורה. אויף אַ גוטן קאָפּ, אויף גוטע מידות, אָבער ניט אויף עשירות. האָט מיך דער ענין פֿון אָרעם און רײַך דעמאָלט גאָר ווייניק אינטע-רעסירט. ווען וואָס נאָר איך האָב אין מײַן קינדהייט פֿאַנטאַזירט, איז דאָס קיינמאָל ניט געווען עשירות.

און איך דערמאָן זיך, ווי דער טאַטע האָט מיך אַמאָל מיטגענומען צו אַ רײַכער בר-מצווה ערגעץ בײַ אַ ווײַטן קרובֿ. איך בין פֿאַרוווּנדערט געווען פֿון די פֿײַן פֿאַרפּוצטע טישן, אָנגעלאָדענע מיט טאָרטן און ווײַנען, פֿון דעם גלאַנץ פֿון די גלעזערנע און זילבערנע כּלים. נאָך מער בין איך נתפּעל געוואָרן פֿון די זאַלן — די סאַליעס, ווי מען פֿלעגט עס רופֿן אין מינסק. דער בעל-הבית איז געגאַנגען מיט אַ בינטל שליסלען און אויפֿגעשלאָסן פֿאַר אונדז איין סאַליע נאָך דער אַנדערער, און יעדע סאַליע האָט גע-בלאַנקט מיט אירע באַזונדערע פֿאַרבן און דיוואַנען, און אַלע האָבן זיי געגלאַנצט מיט זויבערקייט און זוניקייט. ווען מיר זײַנען אַרויס, זאָג איך צום טאַטן: „און בײַנאַכט זײַנען שוין די אַלע סאַליעס פּוסטקעס. קיינער איז דאָרט ניטאָ און עס איז פֿינצטער, און אין דער פֿינצטער איז דאָך אַלץ גלײַך — אַ סאַליע, צי אַ סטאָדאָלע". דער טאַטע האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר פֿאַרוווּנדערטע אויגן, מורמלענדיק: „יע, קינד מײַן, און אין קבֿר קען מען די אַלע סאַליעס ניט מיטנעמען. אַי, ווערט דאָרט זײַן פֿינצטער!"

די צרות נאָך דער שׂרפֿה האָבן געבראַכט דעם טאַטן די ערשטע גרויע האָר — פֿאַר דער צײַט געבראַכט. און די נײַע דירה אונדזערע, די פֿינצטערע און די פֿײַכטע, האָט געבראָכן זײַן געזונט. ער האָט גענומען פּילן אַלערליי וויטאָגן, הוסטן דורך די נעכט. דערפֿאַר אָבער האָט ער אין אַ דערבײַיִקער שול באַלד געקראָגן דאָס, וואָס ער האָט אַזוי הייס באַגערט — אַ קלויזניק, אַ ווילערנער, וואָס זאָל ענדיקן מיט מיר די זייער לאַנגע מסכתא „בבא בתרא". און דער קלויזניק, וואָס האָט שוין געטראָגן אין קעשענע אַ זייגערל פֿון אַ כּלה, איז געווען זייער אומגעדולדיק. ער האָט זיך געיאָגט מיט מיר איבער דער גמרא גאַלאָפּ, געמאַכט קפֿיצת-הדרך, און דער טאַטע איז געווען אויפֿן זיבעטן הימל.

די דערבײַיִקע שול, ווו מיר האָבן געלערנט, איז געווען די כּאַטאַיעוויטשער שול, וואָס די פֿרומע גבֿירטע מירעלע כּאַטאַיעוויטשער האָט אויפֿגעבויט בײַ זיך אויפֿן גרויסן הויף אין פֿראַנציסקאַנער (גובערנאַטאָרסקער) גאַס, אין דער מינסקער הויפּטגאַס. די שול איז געווען ניט אין ערך רײַכער, נײַער, שענער, איידער בלומקעס קלויז — דאָס אָרעמינ-קע קלײַזל אויפֿן צווייטן גאָרן, ווו איך האָב זיך אויפֿגעהאָדעוועט. דאָך האָט מיר געווייעט עפּעס אַ פֿרעמדקייט, אַ קאַלטקייט פֿון דער גבֿירישער שול. און אַזוי ווי איך האָב געבענקט נאָך דער אַלטער דירה, אַזוי האָב איך אויך געבענקט נאָך דער אַלטינ-קער קלויז — נאָך דער וואַרעמקייט, נאָכן ברען, וואָס האָט לאַנג-לאַנג מיר נאָכגעגליט

אין זיכרון. מײַן קינדעריש הערצל האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן אַ געפֿערלעכע טענ־דענץ. דאָס אַלטע מעשהלע פֿון גלאַנצנדיקן שטיינדל און גליענדיקן קויל. מײַן הערצל האָט געצויגן צו דער קויל.

אומעטיק איז מיר געווען אין דער שטילער, כמעט ליידיקער שול — דערהויפּט אין די נאָך־מעריבֿדיקע לאַנגע ווינטערנעכט. אין איין ווינקל בין איך געזעסן מיטן קלויזניק. אין אַן אַנדער ווינקל איז געזעסן צוגעשמידט צו אַ גרויסער גמרא אַ קליינינקער מתמיד פֿון אַ דערבײַיִקן שטעטל. אין דער שטיל פֿלעגט דער מתמיד אויסזינגען זײַן סוגיא, און דער אַלטער גמרא־ניגון פֿלעגט קלינגען אין דער יונגינקער שטים מיט אַ צופּנדיקן טרויער. אויסער אונדז זײַנען געווען נאָר שאָטנס — מחנות מיט שאָטנס. לאַנגע־לאַנגע פֿלעגן זיי זיך ציִען פֿון אַלע זײַטן צום עמוד, וווּ שטענדיק כמעט האָט געפֿלאַטערט סומנעדיק אַ יאָרצײַט־ליכט.

זיץ איך דאָרט אַזוי איין מאָל, אין אַ שטורעמדיקער נאַכט, מ׳טן מײַן קלויזניק, און איך דערמאָן זיך, ווי פּונקט פֿאַראַיאָרן אין דער צײַט, אין אַזאַ שטורעמדיקער נאַכט, האָט מען אָנגעהויבן אין בלומקעס קלויז אַ נײַע מסכתא — די מסכתא „שבת“. דערמאָן איך זיך, ווי יום־טובֿדיק, מיט גרויסע פֿלאַמען, האָבן געלויכטן די לאָמפּן אויף די טישן. און יום־טובֿדיק האָבן געלויכטן די פּנימער פֿון די בחורימלעך, וואָס האָבן געקלונגען אַרום פֿון די בענק אויף די אייבער־קולכלעך, מיטן גאַנצן כּוח. און פֿאַר יעדן איינציקן פֿון זיי איז צעשפּרייט געווען אַ נײַינקע גמראלע מיט פֿאַרביקע טאָוועלעך. אַלץ שבת, שבת, שבת! און פֿול איז געווען די לופֿט מיט שײַנענדיקער שבתדיקייט. עס האָט זיך געדוכט, אַז די שבת מלכּתא אַליין איז אַראָפּגעקומען אַהער אין אַ מיטן מיטוואָך, און זי שוועבט דאָ אַרום און מאַכט שײַנענדיק די פּנימער, די טישן, די ווענט. וואָס פֿאַר אַ שמחה פֿון דער תּורה אין מיטן פֿון דער זאַווערוכע אין דרויסן! וואָס פֿאַר אַ ברען פֿון דער תּורה צווישן די פֿראָסט־געשמידטע, שניי־פֿאַרוואַליעטע פֿענצטער אַרום!

און איך דערפֿיל אַזאַ שאַרפֿע בענקשאַפֿט, אַז איך לאָז איבער דעם קלויזניק און די אָפֿענע גמרא, און איך כאַפּ דעם מאַנטל און לויף אַ פּאָר גאַסן צום שולהויף און צו בלומקעס קלויז. און ווידער דערזע איך סומנע אין דער נאַכט די שניי־פֿאַרשאָטענע, אָפּגעבערענטע חורבֿה.

פֿאַר אַזעלכע שטוקעס פֿלעגט מיך דער קלויזניק רופֿן „סאַמאָוואָליעץ“. ער פֿלעגט מסרן דעם טאַטן, און דער טאַטע פֿלעגט מיך אויך רופֿן „סאַמאָוואָליעץ“. דעם קלויזניק אָבער איז שוין דער גאַנצער ענין פֿון לערנען וויניק וואָס אָנגעגאַנגען. ער האָט געהאַט קורצע, בלאָנדע פּאותלעך, געטראָגן אַ ווײַסע מאַנישקע מיט אַ שאַליקל, ווי אַלע אין פֿראַנציסקאַנער גאַס. דער טאַטע אָבער פֿלעגט זיך עסן דאָס האַרץ. פֿלעגט זײַן צווישן אונדז נאָכאַנאַנד באַטאַליעס.

און צווישן דער לאַנגווײַליקער שול און אונדזער פֿינצטערער דירה איז געלעגן די פֿראַנציסקאַנער גאַס — די באַלעבטסטע גאַס אין מינסק. פֿלעג איך אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, אַ באַפֿאַלענער פֿון אומעט, גאַנץ אָפֿט איבערלאָזן דעם קלויזניק מיט דער אָפֿענער „בבא בתרא“ און פֿלעג זיך אַרויסכאַפּן אין דער באַלויכטענער גאַס אַרײַן. אַ גאַנצן טאָג האָב איך געבראָכן מײַן אָרעמען מוחל אויפֿן פּרק „המוכר את הספינה“ (אַז איינער פֿאַרקויפֿט אַ שיף), וואָס איך האָב דעמאָלט געלערנט. אמת, אַ שיף האָב איך נאָך קיינ־מאָל אין די אויגן ניט געזען. אין מינסק, אויפֿן טײַך סוויסלאָטש, האָב איך נאָר אַ פּאָר מאָל געזען פֿון ווײַטן אַ לאָדקע. דאָס האָט אָבער ניט אויסגעמאַכט. אַ גאַנצן טאָג האָב איך זיך אַרומגעשלאָגן מיט די געשלעגן פֿון דער תּורה צווישן די תּנאים און די אמוראים און דעם רשב״ם און דעם תּוספֿות — אַלץ מכּוח דער שיף, וואָס איז אין דער גמרא פֿאַרקויפֿט געוואָרן. איך האָב דורכגעגרונטעוועט אַלע יוריסטישע דריידלעך, וואָס האָבן נאָר געהאַט אַ שײַכות צו אָט דער וויכטיקער טראַנסאַקציע. און אָט רײַס איך זיך

אַרויס צום סוף בײַנאַכט אין דער פּראָסטיקער לופט פון פּראַנציסקאָנער גאַס און זוך שוין אַנדערע סאָרטן געשלעגן. מיט קעשענעס פול מיט שנייקוילן שפּאַן איך איבער די טראָטואַרן און זוך ווײַטע חבֿרהניקעס. נאָכן האַלב-חושך פון סומנעם יאָרצײַטליכט בײַם עמוד טרינק איך דאָרשטיק די ליכטער פון די קראָמען-פענצטער און פון די איי־בערשטע עטאַזשן — אַ וועלט אַ פרעמדע, וואָס בײַטאָג קוק איך זיך גאָר ניט אום אויף איר. און טרעף איך ניט קיין ווײַסע חבֿרהניקעס, דערזע איך אין אַ פענצטער אויף אַ צווייטן עטאַזש בײַ אַ וואַנט עפּעס אַזוינס, וואָס מאַכט מיך דערשטוינט — אַ צײַל פון קעפּ אין קרוינען, ענלעכע צו די קעפּ פון די מלכים פון די קאָרטן, וואָס באַוועגן זיך אַלץ אַהין און צוריק (מסתּמא איז דאָס געווען אַ מאַריאָנעטן-טעאַטערל). איז דאָס פאַר מיר אַזאַ גוואַלדיקער חידוש, אַז איך בלײַב אין פראָסט אַ לאַנגע צײַט צוגעשמידט צום פלאַץ. אָז אַזאַ חבֿרה-מאַן, ווי איך, זאָל ווען עס איז דאָרט קענען אַרײַנקומען — דאָס האָב איך זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן. שטיי איך אַזוי און שטיי, און עס פאַלט מיר אײַן צו לאָזן אַ שנייקויל אין איינעם פון די געקריינטע קעפּ. אַ טראַך אין שויב, און אַ דערשראָקענער שטעל איך פּיס.

אינטערעסאַנטער פון אַלץ אָבער איז געווען אין אַזעלכע נאַכט-עקסקורסיעס הענגען זיך פון הינטן אויף די פליענדיקע שליטנס. דאָס איז געווען מײַן באַליבטסטער ספּאָרט, אין וועלכן איך בין פאַרקאָכט געווען. איבער פּראַנציסקאָנער גאַס פלעגן זיך דורכטראָגן פײַל-פון-בויגן זייער אָפּט פּריצישע שליטנס באַדעקטע מיט טײַערן פוטער, מיט פײַער־דיקע פערדלעך און פריילעכע גלעקלעך — אָט ווי איך האָב זיי פיל שפּעטער אין מײַנעם אַ ליד באַשריבן:

„זילבערן זינגענדע שליטנס פאַרבײַ,
פליען אין פוטער און פליטער;
גליקלעכע גלעקלעך זיי דורך אַזוי פרײַ,
גלײַך ווי אַ פריידיקער ציטער".

פלעג איך ליב האָבן צו הענגען זיך דווקא אָן אַזעלכע שליטנס. אין אַ פּראָסטן שליטן, מיט אַ שוואַכן פערדל, פלעגט מען גיכער דערפילן דעם אומגעוווּנטשענעם פּאַסאַ־זשיר פון הינטן, פלעגט מען מכבד זײַן מיטן בײַטש, און אָפטמאָל אַראָפּשפּרינגענדיק פלעגט מען געהרגעט ווערן. פאַר די געזונטע פּריצישע פערדלעך האָט אָבער אַן איבערי־קער פּאַסאַזשיר קיין באַטרעף ניט געהאַט. פלעגן די פּריצים אין די גרויסע פוטערנע קוטשמעס און טײַערע פוטערנע פעלצן גאָר ניט באַמערקן, אַז פון הינטן אויף זייערע שליטנס פליט מיט אַ קליין ייִדיש ייִנגעלע, אַ האַלב-נאַקעטער, אַ פּראָסט-צעפלאַמטער, און ראַטעווען זיך דאָס פון דעם אומעט פון דער כאַטאַיוויצער שול און דעם קלויזניק און דעם רשב"ם און דעם תּוספות. ווײַט-ווײַט האָט זיך אַוועקגעטראָגן די שיף, וואָס איז דורכן טאָג מיט אַזוי פיל קאָפּדרייעניש אין דער גמרא פאַרקויפּט געוואָרן. און ווײַט-ווײַט האָב איך זיך אויך אַוועקגעטראָגן אויפן שליטן פון הינטן, אונטערן פריילעכן קלאַנג פון די גלעקלעך, אָנהאַלטנדיק זיך פעסט מיט די פאַרפראָרענע הענטלעך. און הנאה געהאַט האָב איך געוויס פיל מער, איידער די פּריצים אונטערן בערענעם פוטער אינע־ווייניק אין שליטן. און וואָס קאָפּשווינדלדיקער עס איז געווען דער פלי, אַלץ גרעסער איז געווען די ריזיקע, אַלץ שאַרפער איז געווען די הנאה.

נאָר צוויי נעכט אין וואָך, מיטוואָך בײַנאַכט און שבת בײַנאַכט, זײַנען געוואָרן פאַר מיר נעכט פון שרעק, נעכט פון סכּנה, ווען איך האָב געצי‌טערט אַרויסצושטעקן דעם נאָז איינער אַליין אין גאַס. דאָס איז געשען, זינט איך האָב זיך דערוווּסט פון אַ גמרא אין „פּסחים", אַז אגרת בת מחלת, אַ מלכּה בײַ די שדים, גייט אַרום אין אָט די נעכט איבער די גאַסן מיט איר חייל-נײַן רבוא מזיקים פון רעכטס און נײַן רבוא מזיקים פון לינקס. דאָס איז אַ קײַמאָ-לן פון גאַנצע הונדערט און אַכציק טויזנט פינצטערע חבֿרה־ניקעס — אַ גוואַלדיקע סכּנה אַפילו פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן, אויב נאָר זיי טרעפן

אים איינעם אַליין, און אַ פּשיטא שוין פֿאַר אַ קליינעם יאַטל. אמת, איך בין געווען אַזאַ איינער, וואָס פֿלעגט פֿרעגן שטענדיק קשיות, און איך האָב זיך געפֿרעגט: ווו ווערט זיך דאָס אַזאַ מוראדיקער עולם אַהינטאָן אויף אַ מינסקער גאַס, אַפֿילו אויף דער ברייטסטער גאַס, אַפֿילו אויפֿן הויכן מאַרק? אָבער אויף אַ מעשה פֿרעגט מען ניט קיין קשיה און די מעשה איז געווען זייער אַ שרעקלעכע — אימת-מוות!

אַ גליק איז נאָך געווען אין אַ ליכטיקער נאַכט, ווען די לבֿנה שײַנט, און אַ שד האָט דעמאָלט קיין שליטה ניט. אָבער וואָס טוט מען, ווען וואָלקנס פֿליען אָן און מיטן דרינגען און פֿאַרשטעלן די לבֿנה? האָט טאַקע מיט מיר געטראָפֿן אויפֿן הויכן מאַרק, בעת איך בין געלאָפֿן איינער אַליין אַהיים אין אַ שבת בײַנאַכט, אַז די לבֿנה האָט פּלוצלונג זיך געגומען טונקען אין וואָלקנדלעך. איז מיר די נשמה אײַנגעפֿאַלן צו זען אַרום דעם רוסישן סאָבאָר, פֿון איין זײַט, און דעם פּוילישן קאָטעדראַל, פֿון דער צווייטער זײַט, טויזנטער טײַוולשע האָרנדלעך, הינערשע פֿיסלעך, צרויסגעשטעלטע צינגלעך. איך בין געפֿלויגן אין מיטן גאַס אָן אַן אָטעם איבער אַ שמאָלן, ציטערדיקן פּאַס שײַן אויפֿן שנייַ, און בײַ די זײַטן, אין שאָטן, איז די פֿינצטערע חבֿרה מיט מיר מיטגעפֿלויגן. קוים אַ לעבעדיקער, מיט אַ קאַלטן שווייס אַן אָפּגעגאָסענער, בין איך אַרײַנגעפֿאַלן אין הויז. די מאַמע האָט זיך געוואָרפֿן צו מיר: „אוי ווײ איז מיר, קינד מײַן!“ איך האָב אָבער געקענט צרויסריידן נאָר איין אימהדיק וואָרט: „אגרת בת מחלת!“

און אָט אין אַזעלכע אויפֿרעגונגען האָב איך געפֿירט מײַן ביכעלע, וואָס איז פֿולער געוואָרן אַלץ מיט נײַע תקנות. געוואָלט האָב איך זיך אײַנהאַמעווען מיט אָט די געבאָטן, און איך בין גאָר געוואָרן אַלץ צעווילדעטער. און אפֿשר ווײַל איך האָב געפֿילט די צעווילדעטקייט מײַנע, האָב איך עס דערפֿאַר פֿאַרפֿאַסט די תקנות. אַזוי איז דאָך שטענדיק מיט אַלע געשאַפֿענע געבאָטן. יעדנפֿאַלס, גראָד יענער ווינטער, ווען איך האָב זיך אײַנגעשאַפֿט דאָס ביכעלע, איז געווען דער אומרויִקסטער אין די אומרויִקע, שמאַכטנדיקע קינדערשע יאָרן מײַנע. צוליב דער שרפֿה זײַנען די אַלטע חבֿרים מײַנע צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן און קיין נײַע האָב איך אין דער רײַכער געגנט ניט צוגעקראָגן. און אָפּט פֿלעג איך פּשוט ניט וויסן ווו אַהינצוטאָן זיך פֿאַר אומעט. אָבער דערמיט אַליין קען איך נאָך ניט דערקלערן די משונהדיקע ווילדקייטן, וואָס איך פֿלעג בײַ אַלע מײַנע פֿרומע שטימונגען דעמאָלט אָפּטאָן. גריבל איך זיך אין זיכרון און בלײַב שטיין פֿאַר אַ געהיימעניש. אפֿשר איז דאָס געווען די געהיימעניש פֿון דער אָנקומענדיקער יִנגלשאַפֿט, וואָס האָט מיך געררייצט און אַזוי אומרויִק געמאַכט.

מיט אַ סקרוך דערמאָן איך זיך אַ געוויסן פֿאַל, וואָס איך קען ניט פֿאַרשטיין, ווי האָב איך דאָס אַזוינס געקענט אָפּטאָן: איך געדענק ניט פֿאַר וואָס — און אפֿשר גאָר אָן אַ פֿאַרוואָס — בין איך איין מאָל, אַ צעיושעטער פֿון שטיפֿן, אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן און אַ זעץ געטאָן מיט דער פֿויסט אין שויב. האָרט בײַם פֿענצטער איז געשטאַנען אַ טיש, ווו אויף אַ טישטוך האָבן זיך געטריקנט פֿאַרפֿל. שטיקלעך גלאָז פֿון דער צעבראָכענער שויב זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין די פֿאַרפֿל. די מאַמע האָט געמוזט שוין די פֿאַרפֿל אַרויסוואַרפֿן און לויפֿן באַלד זוכן אַ גלעזער, כּדי דער טאַטע זאָל זיך ניט דערוויסן. ער וואָלט געוויס דערפֿאַר געגעבן שמיץ, און דאָס וואָלט שוין געווען אַ ריכטיקע מלחמה. איך פֿלעג קוקן מיט דער טיפֿסטער פֿאַראַכטונג אויף די קינדער, וואָס לייגן זיך וויינענדיק אַליין אויפֿן בענקל. איך פֿלעג זיך ווערן מיט אַלע כּוחות. איך פֿלעג צפֿילו כאַפּן פֿאַר דער באָרד. די ערגסטע שטראָף איז אָבער פֿאַר מיר געווען דער מאַמעס געוויין — די שטילע טרערן, וואָס זי האָט געגאָסן, ברעכנדיק די הענט און פֿרעגנדיק אַלץ: „פֿאַר וואָס האָסטו דאָס געטאָן?“ מיך האָט שטאַרק געפּײַניקט די חרטה, וואָס נאָר צוליב שטאָלץ האָב איך דאָס מיט ווערטער ניט אויסגעדריקט. מײַן האַנט איז צעשניטן געווען און אַ פֿינגער האָט געגומען רײַסן. בין איך אַזש צופֿרידן געווען פֿון די יסורים, טראַכטנדיק אַלץ וועגן די אַלע „לאָוון“, אויף וועלכע איך בין עובֿר געווען. אַ פּאָר וואָכן בין

איך דערנאָך געווען זייער שטיל, זייער פֿרום, געשמידט אַלץ און אַרײַנגעשריבן אין ביכעלע נײַע תקנות, ביז איך האָב זיך ווידער פֿלוצלונג און ווילד צעבושעוועט. אַזוי איז דאָס בײַ מיר געגאַנגען — אַלץ ניט גלאַט, ירידות און עליות.

און ניט נאָר אין הויז, נאָר אויך אין כאַטאַיוויצער שול האָב איך זיך שטאַרק געלאָזט פֿילן. דער שמש האָט מיך שטענדיק געהאַט אויפֿן אויג, נאָכגעפֿאָלגט יעדע באַוועגונג מײַנע נערוועז, מיט אַן אומרויִקן בליק. און ער וואָלט מיך מסתמא אין גאַנצן פֿאַריאָגט פֿון שול, ווען איך וואָלט ניט געהאַט די אַלמעכטיקע פּראָטעקציע פֿון בערע פּינעס — אַ פֿרומען גביר, אַן איידעם אין דער כאַטאַיוויצער משפּחה.

בערע פּינעס, אַ פֿירער פֿון דער חבֿרה „תּומכי תּורה“ אין מינסק, איז געווען די קענטיקסטע פֿיגור אין כאַטאַיוויצער שול. געווען איז ער אַ ייִד אַ שיינער, אַ ברייטפּליי־ציקער, אַ פֿולער, מיט אַ קײַלעכדיקן פּנים, אַ פֿרישן און אַ ווײַסן, ווי אַ פֿרישע ווײַסע בולקע — אײַנגעפּאַסט אין אַ ראַם פֿון אַ ברייטער, שוואַרצער באָרד פֿון אונטן און אַ ברייטן, שוואַרצן קאַפּעליוש פֿון אויבן. אַ שטים האָט ער געהאַט אַ הילכיקע, וואָס פֿלעגט זיך קײַקלען, ווי אויף רעדלעך, און באַפֿעלעריש אָפּהילכן מיט יעדן וואָרט פֿון איין עק שול ביזן צווייטן. און געדיכט איז זי געווען, די שטים, און פֿעט — אַ „כרעמזל־דיקע“, פֿלעג איך זי רופֿן אין מחשבֿה. בערע פּינעס האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט מײַן „בבא בתרא“. פֿלעגט ער זיך אָפּשטעלן אַ קוק צו טאָן אין מײַן גמרא אויפֿן „דף“, וויפֿל איך בין שוין אַרײַנגעפֿאָרן. פֿלעגט עס מיר ניט געפֿעלן זײַן. עפּעס האָב איך געפֿילט אַ באַליידיקונג, ווי ער וואָלט אויף מײַן חשבון אַ מצווה געטאָן. פֿלעג איך מיט קינדערשער טראָציקייט פֿאַרשטעלן דעם ציפֿער פֿון דף. פֿלעגט ער אָן צערעמאָניעס אַרונטערנעמען מײַן הענטל און דאָך אַ קוק טאָן.

געדענקט זיך מיר אַזאַ סצענקע: פֿאַרנאַכט, דער לעצטער „אָמן“ פֿון מנחה איז קוים פֿאַרשטומט געוואָרן, ווען אַן אומבאַקאַנטער ייִד טוט זיך אַ ריס פֿון מזרח־וואַנט, אַזוי ווי אַ ווינט, און טוזש נאָך אים טוט זיך אויך אַ ריס, אַזוי ווי אַ ווינט, בערע פּינעס. דער אומבאַקאַנטער לאָזט זיך צו דער טיר ניט גלײַך, נאָר אין זיגזאַגן. און פּונקט מיט אַזעלכע זיגזאַגן לאָזט זיך נאָך אים בערע פּינעס. דאָס איז מיר אויסגעקוי־מען אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב זיך קוים אײַנגעהאַלטן ניט אויסצושיסן מיט אַ געלעכ־טער. הער איך, ווי אַ בעלהביתישער ייִד פֿון די דאַוונער זאָגט מיט שטילער התפּעלות צו אַ צווייטן, וואָס איז געווען באַקאַנט פֿאַר אַ לץ:

— ווייסט איר, רב יודל, ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך בועז ראַבינאָוויטש פֿון באָברויסק, וואָס מען שאַצט אים אין אַ מיליאָן — אַ מיליאָן קערבלעך.

— אַזוי־אַזוי, האָט איר ריכטיק איבערגעציילט? — דערקונדיקט זיך רב יודל.

— וואָס רעדט איר? אַלע ווייסן דאָך! אַ גאַנצער מיליאָן! אַ קײַלעכדיקער מיליאָן! — איז דער ערשטער ייִד אַזש פֿאַר התלהבֿות אונטערגעשפּרונגען. — און ווייסט איר, רב יודל, וואָס אַ מיליאָן איז — דעם מוראדיקן כּוח פֿון אַ מיליאָן? דאָס איז דאָך אין לשער! דאָס קען מען דאָך גאָר ניט משיג זײַן!

— שלא ישיגוהו משיגי הגוף! — האָב איך מיטן זעלביקן טאָן אונטערגעכאַפּט און אונטערגעשפּרונגען (די ווערטער פֿון רמב״ם אין זײַנע דרײַצן עיקרים, וואָס מען זאָגט בײַם דאַוונען, אַז גאָט איז ניט קיין גוף, און מען קען אים ניט משיג זײַן מיט די השגות פֿון אַ גוף).

רב יודל האָט זיך צו מיר אַ קער געטאָן:

— דו ביסט עס? דו עזות מחוצף! — האָט ער אַ טופּע געטאָן, און זײַנע קלוגע אייגלעך האָבן לצנותדיק אַ פֿינקל געטאָן. דער שמש האָט געזען פֿון ווײַטן, ווי מען טופּעט אויף מיר, האָט ער זיך צו אונדז אַ לאָז געטאָן. איך בין שוין אָבער געווען אַהינטער טיר.

יענעם ווינטער האָב איך איינִיקע מאָל געזען אין כאַטאַיעוויצער שול דעם פֿרומען דאָקטאָר איינהאָרן, דעם פֿאָטער פֿון דעם פּאָעט דוד איינהאָרן, ווי ער פֿלעגט זיצן נאָכן דאַוונען אין טלית און תּפֿילין און לערנען אַ בלאַט גמרא. מען האָט געוווּסט, אַז ער איז פֿריער געווען אַ „וואָיענער" (מיליטערישער) דאָקטאָר, און אַלע האָבן אים באַוווּנדערט, און איך מער פֿון אַלעמען. איך בין געווען זייער געניט אין די פֿאַרשיידענע מיליטערישע בגדים—אין די מונדירן און די שליפֿעס פֿון אַלערליי ראַנגען. פֿלעג איך קוקן אויף אים און אין געדאַנק אים אָנטאָן צוריק די „בגדי השרד". אָט פֿלעג איך פֿאַרמאַכן די אויגן: אָנשטאָט דעם טלית פֿלעגן גלאַנצן אויף אים עפּאָלעטן; אָנשטאָט דעם „של ראש" פֿלעגט פֿינקלען אויף אים אַ קאָקאַרדע. און באַלד פֿלעג איך עפֿענען די אויגן און ווידער דערזען פֿאַר זיך דעם חידוש—אַ דאָקטאָר אין טלית און תּפֿילין! ער האָט אינטריגירט מײַן פֿאַנטאַזיע. פֿאַר וואָס טאַקע האָט ער דאָס אומגעביטן די קאָקאַרדע אויפֿן „של ראש"?

אַז דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון אַ טיפֿער נשמה-אויפֿטרייסלונג (דער שמד פֿון אַ ברודער), דאָס האָב איך זיך פֿיל שפּעטער דערוווּסט. דעמאָלט, אין כאַטאַיעוויצער שול, האָב איך וועגן דעם גאָרנישט געהערט. מען האָט עס גאָר מסתּמא ניט געוווּסט. האָט מען אויף אים געקוקט מיט גרויסן רעספּעקט, אָבער ווי אויף אַ טשיקאַווען מענטשן. —„עפּעס שלא כּדרך הטבֿע!"—פֿלעגט מען זאָגן.—„שלא כּדרך המדינה"—האָט מײַן טאַטע, געדענק איך, איין מאָל קאָרעגירט—„אין דײַטשלאַנד זײַנען דאָך פֿאַראַן ניט נאָר פֿרומע דאָקטוירים, נאָר אויך אַפֿילו פֿרומע פּראָפֿעסאָרן".

אַ וווּנדערלעכן אײַנדרוק האָט אויף מיר איבערגעלאָזן דער אויבן דערמאָנטער מתמידל, וואָס האָט די ערשטע העלפֿט פֿון ווינטער געלערנט אין כאַטאַיעוויצער שול. אַ יאָר 14–15, אַ קליינינקער, אַ שטשופּלינקער, האָט ער זיך אָבער אויסגעצייכנט אי מיט אַ מערקווירדיקן קאָפּ, אי מיט אַ מערקווירדיקער התמדה. דעריבער האָט מען דערוואַרט, אַז ער וועט אויסוואַקסן דער אמתער גאון. איך האָב זייער מקנא געווען זײַן התמדה: אַזאַ שוואַכינקער, און דאָך אַזאַ שטאַרקער! ער פֿלעגט קענען אָפּזיצן, אַזוי ווי מיט טשוועקעס צוגעשלאָגן, אָן קיין הפֿסקה זעקס שעה נאָכאַנאַנד בײַ דער גמרא, בעת איך פֿלעג קענען אויסזיצן מיט מאַטערניש, אַזוי ווי אויף שפּילקעס, קוים נאָר אַ שעה אָדער העכסטנס צוויי. האָב איך אים באַוווּנדערט און ליב געקראָגן. ער האָט זיך אָבער מיט מיר ניט געחבֿרט. ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געחבֿרט, אויסער נאָר מיט אַבייען און רבֿאָן.

איך האָב געהאַט אַ שטיק געלן בורשטין פֿון אַ ציגאַרן-שפּיץ, וואָס אַז מען פֿלעגט עס אָנרײַבן, פֿלעגט עס צוציען שטרויעלעך. איך האָב אויך געהאַט אַ מעסערל מיט דרײַ קלינגלעך. דאָס איז געווען מײַן גאַנצער פֿאַרמעגן. האָב איך דאָס אים געוואָלט אַוועקגעבן. איך האָב געוואָלט שליסן מיט אים אַ „בונד" אויפֿן גאַנצן לעבן, אַפֿילו אויף יענער וועלט, אויף אייביק; איך האָב אים געוואָלט געבן אויף דעם אַ תּקיעת-כּף און איבערהאַקן מיט אַ ציצה. ער האָט זיך אָבער מיט מיר אין געשפּרעכן ניט אַרײַנגעלאָזן. איך פֿלעג זיך שאַרן צו אים, פֿאַדען אַרום אים; פֿלעגט ער גוטמוטיק אַ שמייכל טאָן מיר, און באַלד ווידער אײַנגראָבן די אויגן אין דער גמרא. איך בין צו אַזאַ באַציִונג ניט געוויינט געווען. מײַן שטאָלץ האָט געליטן, און איך האָב אים געוואָלט אָנברעכן די ביינער. אמת, ער איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פֿון מיר. איך וואָלט אים אָבער נאָר „מיטן קליין פֿינגערל" אַוועקגעלייגט. נאָר ווען איך פֿלעג אַ קוק טאָן אויף אים, פֿלעגט מיך באַלד מאַכן אָפּהענטיק זײַן פּנימל—אַזאַ בלייכער און אַזאַ צאַרטער, אַזאַ דורכזיכטיקער און אַזאַ גײַסטיקער. פֿלעג איך זיך טרייסטן, אַז דאָס טוט ער נאָר צוליב דער תּורה הקדושה, און מײַן צוגעבונדקייט צו אים איז אַלץ געוואַקסן.

בערע פּינעס פֿלעגט אים זייער מקרבֿ זײַן. איך האָב געזען, ווי ער האָט אים אַ פּאָר מאָל צערטלעך געקושט אין שטערן. ער האָט אים, דוכט זיך, אין גאַנצן אויסגע-

האַלטן. פינעסן איז אָבער, קענטיק, גאָר ניט אײַנגעפֿאַלן אָפּצוהאַלטן אים אַ ביסל פֿון דער תּורה. און ווי יונג איך בין געווען, האָב איך באַמערקט מיט אומרו, ווי זײַן פּנימל ווערט אַלץ בלייכער, ווי זײַן קולכל ווערט אַלץ הייזעריקער. פּלוצלונג האָט ער אויפֿגעהערט צו קומען אין שול. מען האָט געזאָגט, אַז ער איז געפֿערלעך קראַנק, אַז ער האָט געקראָגן די דער. און אָט האָב איך דערהערט די בשורה, אַז ער איז טויט, אַז ער ליגט שוין אונטער אַ בערגל שניי. פֿיל גלודיקע טרערן האָב איך פֿאַרגאָסן אין דער שטיל. איך פֿלעג קוקן אויפֿן לײדיק-געוואָרענעם אָרט זײַנעם אין שול און וויינען אין די ווינקלען. אַ פּאָר מאָל האָב איך אים געזען אין חלום—אַלץ אין זײַן שוואַרצן דראַפּענעם מאַנטעלע און אונטן מיט ווײַסע מײַטקעס פֿון תּכריכים.

און וויפֿל אַזעלכע וווּנדערלעכע ייִדישע בחורימלעך זײַנען עס אַזוי „אויסגעשטאָרבן אין די געצעלטן פֿון דער תּורה"!

נאָך אַ באַגעגעניש, אַ טשיקאַווע און אַ סומנע, האָב איך געהאַט יענעם ווינטער אין כאַטאַיעוויצער שול. דאָס איז געווען אַ הויכער, דאַרער, סודותדיקער ייִד, וואָס האָט זיך באַוויזן פֿון ערגעץ-ניט און פֿון אומעטום — משוט בארץ. און געהאַט האָט ער אָרום זיך עפּעס אַ שוואַרצן גלאַנץ—פֿון שוואַרצן ריפּס פֿון זײַן מלבוש, פֿון זײַן שוואַרצן, צעבּיסענעם בערדל, פֿון זײַנע שוואַרצע, שפּיציקע אויגן. ער פֿלעגט אַרײַנקומען, אַ פֿאַרפֿינצטערטער, אין שול, אַרומדרייען זיך דאָרט אַ שעה אָדער צוויי, איין האַנט אויפֿן שטערן, די צווייטע אונטערן בערדל, וואָס ער פֿלעגט בײַסן נערוועז, און אַ וואָלקן פֿון צער פֿלעגט זיך אַרומדרייען מיט אים. עמעצער האָט מיר אַרײַנגערוימט אין אויער, אַז ער איז אַ באַהאַלטענער שבתי-צבֿיניק. און די געהיימענישפֿולקייט האָט מיך שטאַרק פֿאַרכאַפּט. איין מאָל, שפּעטלעך בײַנאַכט, האָב איך אים באַמערקט אין אַ ווינקל, שטייענדיק שוואַרץ און שטיל, ווי אַ שאָטן, בײַסנדיק זײַן בערדל און וואָרטנדיק. קענטיק, ער האָט געוואָלט אַלעמען איבערוואַרטן. האָב איך זיך שטיל פֿאַרשטעקט הינטער אַ באַנק. און ווען אין שול איז שוין קיינער ניט געווען, דערזע איך אין פֿלאַטערדיקער האַלבטונקלקייט פֿון אַ יאָרצײַטליכט בײַם עמוד, ווי ער טוט זיך האַסטיק אַ לאָז צו דער הרובע און טוט אַ כאַפּ אַ ביסל אַש און באַלד גייט ער צו נאָענט צום ארון-קודש, טוט זיך אַ זעץ אַוועק אויף דער ערד און נעמט אַרויסלאָזן שטילע אויסגעשרייען, איינעם נאָכן אַנדערן, באַגלייט פֿון אַ יאָמער—אַן אײַנגעהאַלטענעם, אָבער אַ ביטערן. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך האָב דײַטלעך געהערט אייניקע מאָל דעם נאָמען שבתי-צבֿי אין די אויסגעשרייען. עס איז געווען אימהדיק. האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן אַרויס פֿון מײַן באַהעלטעניש, ניט ווײַט פֿון אים, און ער האָט אַ וואַרף געטאָן אויף מיר פֿון די אויגן אַ פּאָר פֿלעמלעך, וואָס איך זע זיי נאָך עד היום. איך בין פֿון שול אַרויסגעלאָפֿן, און מער האָב איך אים ניט געזען.

דאָס איז געשען ווינטער פֿון 1881—82—העכער צוויי הונדערט יאָר נאָכן טויט פֿון דעם פֿאַלשן משיח פֿון דער ווײַטער טערקײַ, וואָס האָט אַלץ נאָך אָפּגעשלאָגן מיט בלאָנזשענדיקע פֿײַערלעך אין ווילדע, פֿאַראומערטע, קראַנקע ייִדישע נשמות אַזש צווישן די צפֿון-שנייען פֿון מינסק.

וועגן שבתי-צבֿי האָב איך שוין דעמאָלט געוווסט פֿון „שארית ישראל". בײַם טאַטן אין ספֿרים-אַלמער האָט איך אויך געפֿונען ר' יעקבֿ עמדינס „תּורת הקנאות", ווו די שבתי-צבֿי-באַוועגונג ווערט אַרויסגעשטעלט אין די טונקלסטע פֿאַרבן, און נאָך אַ ספֿרל פֿון דעם זעלביקן מחבר, דוכט זיך, „עדות ביעקבֿ",[16] ווו דער באַרימטער גאון אייבשיץ (ר' יונתל פּרעגער) ווערט געבראַנדמאַרקט ווי אַ באַהאַלטענער שבתי-צבֿיניק (צוליב געוויסע קמיעות, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזן). דער ענין האָט מיך נאָך אין קינדהייט

---

[16] דער ס' „תּורת הקנאות" פֿון יעקבֿ עמדין (1697—1776) איז אַרויס אין אַמסטערדאַם 1752; דער ס' „עדות ביעקבֿ"—אַלטאָנאַ 1756. — רעד'.

אינטערעסירט דערפֿאַר, ווײַל ר׳ יעקבֿ עמדין קומט פֿון אַלטאָנאַ, און ר׳ יונתל פּרעגער איז געווען דער הויפּט-רבֿ פֿון די פֿאַראייניקטע קהילות פֿון אַלטאָנאַ, האַמבורג און וואַנדסבעק (אה״ו). נאָך רבי יונתל פּרעגער האָט די זעלביקע רבנות, די גרעסטע דעמאָלט בײַ ייִדן, פֿאַרנומען מײַן עלטער-עלטער-זיידע, ר׳ רפֿאל כּהן (ר׳ רפֿאל האַמ-בורגער). פֿון מײַן פֿריסטער קינדהייט אָן האָב איך געהערט אין הויז וועגן האַמבורג און אַלטאָנאַ כּמעט אַזוי אָפֿט, ווי וועגן די דערבײַיִקע באָברויסק און סלוצק. און די עמדין-אייבשיץ-מחלוקת איז פֿאַר מיר געווען אַ גאַנץ נאָענטער ענין. דאָך, ווי שוואַרץ איך האָב זיך געמאָלן שבתי-צבֿין און די שבתי-צבֿיניקעס, האָט דער בײַנאַכטיקער אינ-צידענט אין כאַטאַיוויצער שול מיטן האַלבן מטורף, אויף וועלכן מען האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ באַהאַלטענער שבתי-צבֿיניק, מיך אין גאַנצן אַראָפּגעקלאַפּט פֿון טראָפּ. דער סוד, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, און די ווייטאָגדיקע פֿלעמלעך, וואָס איך האָב געזען אין זײַנע אויגן, האָבן מיך פֿאַרפֿאָלגט.

און אָט אַזעלכע ווייטאָגדיקע פֿלעמלעך האָב איך יענעם ווינטער געזען אויך אין די אויגן פֿון דעם פֿעטער גרשון-לייב; פֿלעגט ער נאָר נעמען ריידן וועגן ישובֿ-ארץ-ישראל, פֿלעג איך זיי דערזען. עס איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן אַ גרעסערן קאָנטראַסט, ווי עס איז געווען צווישן דעם פֿאַראומערטן וואָגלער, וואָס איך האָב געזען אין כאַטאַי-וויצער שול, און דעם פֿעטער גרשון-לייב. אַ שיינער, דיקלעכער, שמייכלענדיקער בלאָנ-דין, אַ ביסל אַ פֿאַרחלומטער, אַ גאַנץ שווערלעכער אויף באַוועגונגען, פֿלעגט זיך דער פֿעטער אָנצינדן מיט אָט די פֿלעמלעך אין די אויגן, ווי נאָר ער פֿלעגט זיך אַמפּערן וועגן ארץ-ישראל. ער פֿלעגט ווערן לײַדנשאַפֿטלעך, אימפּעטיק אַפֿילו, און דער גרויסער, גראָבער סיגאַר, זײַן שטענדיקער באַגלייטער, פֿלעגט נעמען אומפֿליען בײַ אים פֿון איין ווינקל מויל צום צווייטן. די אַמפּערײַען פֿלעגן געוויינטלעך פֿאָרקומען אין די שבת-צו-נאַכטן בײַם פֿעטער מענדל אין הויז. דער הויפּט-אָפּאָנענט פֿון דעם פֿעטער גרשון-לייב איז געווען דער טאַטע. דער פֿעטער מענדל אַליין האָט געקוקט אויף די אַמפּערײַען, ווי אויף בטלנות, און גאַנץ אָפֿט פֿלעגט ער באַלד נאָך הבֿדלה, ניט באַווײַזנדיק נאָך אויס-צוטאָן דעם שבתדיקן צילינדער, אַוועקגיין וועגן געשעפֿט. פֿלעגט אַרום גרויסן, קײַלעכ-דיקן טיש, בײַ די גלעזער טיי, פֿאַרן בליצלאָמפּ און די ליכטנדיקע לוסטרעס, אָן דעם בעל-הבית ערשט דער וויכּוח זיך צעפֿלאַקערן. און ווען דער פֿעטער גרשון-לייב פֿלעגט זיך צעטענהן, אַז מען קען שוין די גרויסע צרות ניט איבערטראָגן, און אין זײַנע אויגן פֿלעגן אויפֿשפּרינגען ווייטאָגדיק די פֿלעמלעך, פֿלעגט זיך מיר דוכטן, אַז אָט-אָט און ער וועט באַלד, ווי יענער שוואַרצער, דאַרער נע-ונדניק, אַ זעץ טאָן זיך אויף דער ערד מיט אַש אויפֿן קאָפּ און סומנע אויסגעשרייען. און ווען דער טאַטע פֿלעגט מיט זײַן לאָגישן קאָפּ דעם פֿעטערס ראַיות פֿון תּנך און גמרא און מדרש צו גאָרנישט מאַכן, און ער פֿלעגט מיטן פֿײַער פֿון אַ קנאי פֿאַסעווען די ניי-מאָדנע פֿאַלשע משיחים, די „פּאַלעסטינצעס“, פֿלעג איך זיך דערמאָנען אָן ר׳ יעקבֿ עמדין, ווי ער פֿלעגט זיך מיר פֿאָרשטעלן ערגעץ ווײַט, אין אַלטאָנאַ, אויפֿהייבנדיק שטרענג אַ פֿינגער פֿון וואָרענונג קעגן אַ גאַנצן דור.

דער פֿעטער גרשון-לייב איז געווען דער איינציקער פֿון דער מאַמעס ברידער, וואָס האָט צוליב געשעפֿט ניט פֿאַרוואָרפֿן נאָך אין גאַנצן די גמרא (זײַן ווײַב איז געווען די אשת-חיל). אין די פֿרײַע שטונדן פֿלעגט ער אַפֿילו שרײַבן „תּורה“ און דרוש. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ פֿאַרמעגלעכער ייִד, האָט ער געגעבן צו לייזן ראָמס דרוקערײַ אין ווילנע פֿאַר אַ פּאָר ספֿרימלעך, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזן. דעמאָלט האָט דער פֿע-טער זיך געקליבן צו שרײַבן וועגן עזרא און נחמיה—צו ווײַזן מיט זייער בײַשפּיל, אַז די גאולה קען קומען אויך על-פּי דרך-הטבֿע. און אָט וועגן דעם פֿלעגן זיך דאָס פֿירן די היציקע וויכּוחים—צי קען מען פֿאַרגלײַכן דעם דור פֿון עזרא און נחמיה מיט אונדזער דור? און צי קען אַ דור, וואָס איז ראוי, דורכפֿירן די גאולה אויך אָן אַן עזרא און אַ נחמיה? און צי זעען זיך שוין די סימנים, וואָס ווערן אָנגעגעבן פֿאַר די

טעג פֿון משיחן? געדענק איך אַ שפּאַס פֿון טאַטן: עס איז פֿאַראַן אַ מאַמר, אַז משיח קען ניט קומען סײַדן נאָר בהיסח־הדעת, אַז מען וועט וועגן דעם גאָר ניט טראַכטן. האָט דער טאַטע געפֿרעגט, ווי שיקט זיך דאָס, אַז אויב דער פּעטער וועט דעם ספֿרל שרײַבן, וועט דאָך שוין ניט זײַן קיין היסח־הדעת, קען דאָך שוין משיח ניט קומען! סײַדן נאָר דער פּעטער וועט דעם ספֿרל אַליין שרײַבן בהיסח־הדעת... צום היציקסטן האָט מען אָבער דעבאַטירט וועגן דער באַוועגונג פֿון די חובבֿי־ציון, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגע־הויבן, און ניט אַזוי וועגן דער באַוועגונג, ווי וועגן די באַוועגער.

איינער פֿון די אײַפֿעריקסטע „פּאַלעסטינצעס" אין מינסק איז געווען ביינינסאָן — אַן איידעם פֿון ר׳ מאָניען, דעם ראָש־ישיבֿה פֿון בלומקעס קלויז, וואָס האָט געדאַוונט אין אונדזער ווינקל, און מיר האָבן אים גוט געקענט. ער שטייט מיר נאָך פֿאַר די אויגן: אַ ברייטפּלייציקער, אַ ברייטברוסטיקער, אַ זינגענדיקער, אַן אונטערגעשאָרן שוואַרץ בערדל, אַן ענערגישער פּנים, אַ שטײַפֿע פּאַטילניצע. ווי אַ סך אַנדערע פֿון די „פּאַלעס־טינצעס", איז ער געווען אַ בוכהאַלטער. מען פֿלעגט אויף אים מורמלען, אַז ער איז שוין גאָר ניט אָפּגעהיט מיט די תּרי״ג מצוות. דער טאַטע האָט פּערזענלעך קעגן אים גאָרנישט געהאַט, אויב נאָר ער וואָלט זיך ניט באַשעפֿטיקט מיט דער גאולה. אָבער „גראָד די ביינינסאָנס האָבן עס גענומען דוחק זײַן דעם קץ" [צואײַלן די גאולה]. און אָט דער געדאַנק, אַז אַזאַ „קץ", ווי ר׳ מאָניעס איידעם איז דאָס איינער פֿון די אָראָפּברענ־גער פֿון משיחן, האָט דעם טאַטן באַליידיקט ביז אין די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון זײַן נשמה. געדענק איך, ווי דער פּעטער האָט געבראַכט דעם מאַמר פֿון דעם אַמורא ר׳ הלל, וואָס האָט געזאָגט, אַז „אין משיח לישראל"[17] אַז ייִדן וועלן שוין מער ניט האָבן קיין משיח, ווײַל זיי האָבן שוין די משיח־צײַט איבערגעלעבט אין די טעג פֿון קיניג חזקיהו. דער פּעטער האָט דערמיט געוואָלט באַווײַזן, אַז מען דאַרף זיך שטאַרק ניט רעכע־נען מיט אַזעלכע ווערטלעך. האָט דער טאַטע געענטפֿערט, אַז מסתּמא זײַנען אין די צײַטן פֿון ר׳ הלל אויך אויפֿגעשטאַנען אַזעלכע ביינינסאָנס און געוואָלט „דוחק זײַן דעם קץ", און כּדי אָפּצוטשעפּען זיך פֿון זייער משיח־ברענגערײַ, איז בײַ ר׳ הללן רעכט געווען צו זאָגן אַפֿילו, אַז עס איז שוין אין גאַנצן ניטאָ קיין משיח (ווי מען דענקט, האָט עס ר׳ הלל טאַקע געזאָגט אין היץ פֿון אַ דעבאַטע מיט די ייִדישע קריסטן, וואָס האָבן מיט אים אײַנגעטענהט וועגן זייער משיח, ישו הנוצרי).

און איך האָט זיך אַרומגעדרייט הינטער די שטולן, דאָ הינטער דעם טאַטנס שטול, דאָ הינטער דעם פּעטערס שטול, און געטראַכט וועגן דעם ענין פֿון „דוחק זײַן דעם קץ". איך האָב פֿריער געהאַט אַ חבֿר מיטן נאָמען יאָסעלע, וואָס ווען ער פֿלעגט לייענען אַ מעשה־ביכל, פֿלעגט ער קיין געדולד ניט האָבן און אַלץ כאַפּן אַ קוק אויפֿן סוף, מיט וואָס די מעשה ענדיקט זיך. האָב איך געטראַכט, אַז יאָסעלע איז דאָס דער ריכטיקער יאַט, וואָס איז דוחק דעם קץ. און אַלע, וואָס האָבן קיין געדולד ניט צו וואַרטן, זײַנען יאָסעלעך.

אויף מײַן אופֿן האָב איך דורכגעפֿילט דעם גאַנצן צער הינטער די הייסע וויכּוחים צווישן דעם טאַטן און דעם פּעטער. דאָך, געהאַלטן האָב איך מיטן טאַטן, און איך האָב געהאַט אויף דעם מײַנע טעמים. איך האָב געוווּסט פֿון דער מעשה נורא מיט רבי יוסף דילה ריינה[18] און זײַנע תּלמידים, ווי אַזוי זיי האָבן דאָס מעשים געאַרבעט אַראָפּצוברענגען משיחן, ווי זיי האָבן טעג און נעכט גאַנצע אויסגעוויינט זייערע אויגן אויפֿן גלות, ווי זיי האָבן פֿערציק טעג און פֿערציק נעכט נאָכאַנאַנד געפֿאַסט און געלעבט

---

17 ווערט געמיינט ר׳ הלל בן גמליאל, פֿון די אמוראים (ניט צונויפֿמישן מיטן תּנא הלל הזקן). „אין משיח לישראל"—בבֿלי סנהדרין 99 א׳.—ר ע ד׳.

18 יוסף דע־לאַ־ריינאַ, פֿאָרשטייער פֿון דער א״ג „פּראַקטישער קבלה" אין 15טן י״ה.— ר ע ד׳.

נאָר פון שמעקן ווײַרעך, ווי זיי זײַנען געגאַנגען אין טאָל פון צלמות צווישן לייבן און לעמפּערטן, שלאַנגען און עקדעשן, ווי זיי האָבן געקלעטערט אויף די הרי-חושך און געהאַנגען איבער אָפּגרונטן. און אָט האָב איך איין מאָל באַגעגנט אין גאַס ביינינ-סאָנען און איך האָב זיך אין אים גוט אײַנגעקוקט. האָב איך געזען, אַז זײַנע אויגן זײַנען שוין גאָר ניט אויסגעווײנט, אַז זיי קוקן לעבעדיק, ליכטיק און פריילעך. און זײַן פּרישער, זאַטער, מונטערער פּנים האָט באַוויזן, אַז ער האָט אַפילו קיין איין טאָג ניט געפאַסט, אפשר ניט אַפילו יום-כּיפּור, און געגאַנגען איז ער ניט צום טאָל פון צלמות און ניט צו די הרי-חושך, נאָר צו זיך אין קאַנטאָר. האָב איך בײַ זיך געטראַכט: ניין, ברודערקע, אַזוי גייט עס ניט! ווילסטו פּרווון אַראָפּברענגען משיחן, טאָ טו ווי רבי יוסף דילה ריינה און זײַנע תּלמידים האָבן געטאָן; אויב ניט, דריי ניט קיין קאָפּטער!

און וואָס פינצטערער עס זײַנען געוואָרן דורכן ווינטער די ייִדישע אויסזיכטן אין רוסלאַנד, אַלץ ליכטיקער האָט אויפגעשײַנט אין דער פינצטערניש פאַרן פעטער גרשון-לייב דער רעיון פון ישובֿ-ארץ-ישראל, אַלץ היציקער זײַנען געוואָרן די וויכּוחים אין די שבת-צו-נאַכטן. דער פעטער מענדל האָט געהאַט אַ זון, אַהרן האַמבורג, וואָס איז געווען אין איינע יאָרן מיט מײַן מאַמען, זײַן מומען — אַ שיינע נשמה אין אַ שיינעם גוף. איז אָט דער קוזען מײַנער אויך אַריבער אויפן צד פון דעם פעטער גרשון-לייב. נאָך אַ פּאָר אַנדערע אויך. דער טאַטע איז געבליבן איינער אַליין. איז ער אַלץ פאַר-עקשנטער געוואָרן קעגן די חובֿבֿי-ציון — אין זײַן ניט-גלייבן אַלץ אײַנגעגלייבטער, אין זײַן מתנגדות אַלץ ברענענדיק-חסידותדיקער, אין זײַן ניכטערקייט אַלץ פאַרשיכּורטער.

אַזוי זײַנען געווען מיט פיל יאָרן שפּעטער אויך די בונדיסטן. אין יאָר 1906, אין אַ דעבאַטע מיט מיר, האָט אין זשענעווע אַ בונדישער פירער אויסגערופן: „טאַטאַ פּראָכוואַסט גערצעל!" ווען ער האָט דערזען אויף מײַן פּנים אַ געוויסע גרימאַסע, האָט ער זיך נאָך מער צעקאָכט: „פּאָמילויטיע, אָן ביל זשוליק נאַסטאָיאַשטשי!" דאָס הייסט, ד"ר הערצל איז געווען אַ ריכטיקער זשוליק. און מײַן דעבאַטאַנט איז ניט געווען קיין אָפּגעריסענער נאָר, אָדער אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכע בריאה, נאָר אַ הויך-קולטורעלער און פײַנער מענטש און אַ גאַנץ קלוגער. איך בין שוין דעמאָלט אָפּגעווען אין אַמעריקע אַ יאָר נײַן און איך בין דערשטוינט געווען פון אַזאַ מין פאַנאַטיזם. האָב איך זיך אָבער דערמאָנט, ווי מיט אַ פערטל יאָרהונדערט פריער האָט זיך מײַן טאַטע אײַנגעשפּעט אין ביינינסאָנען, און איך האָב געטראַכט: וואָס פאַר אַ פײַערדיקער בונדיסט מײַן טאַטע וואָלט עס געווען, אויב נאָר ער וואָלט געבאָרן געוואָרן אַ ביסל שפּעטער!...

דאָס איז געווען די פאַראַכטונג פון זעלאָט צו דער גרינגקייט, מיט וועלכער מען נעמט אויף אַזאַ גוואַלדיקן ענין ווי די גאולה. דאָס איז געווען דער צד-השווה צווישן מײַן טאַטן אַמאָל און די בונדיסטן שפּעטער. ווי איך שטעל זיך פאָר, האָט שוין אויך מײַן טאַטע געוויס ניט געגלייבט, אַז פון הימל וועט ווען עס איז אַרונטערפאַלן פיקס און פאַרטיק אַ וווּנדערבריק, איבער וועלכן די ייִדן וועלן אַוועק קיין ארץ-ישראל. ער האָט אָבער נאָך ווייניקער געגלייבט, אַז אַזאַ וווּנדערבריק וועלן עס קענען אויפשטעלן די ביינינסאָנס מיט די קערות ערבֿ-יום-כּיפּור אין די שולן. און ווײַל משיח איז בײַ אים געווען אַ טייל פון דער הייליקער אמונה, מיט וועלכער ער האָט טאָג-טעגלעך געלעבט, פאַר וועלכער ער וואָלט זיך יעדע רגע מוסר-נפש געווען, דעריבער האָט ער זיך געפילט טיף באַליידיקט פון געדאַנק, אַז די ביינינסאָנס זאָלן עס זײַן די געשיקטע משיחן אַראָפּצוברענגען. און דאָס זעלביקע איז געווען מיט די בונדיסטן, פאַר וועלכע די גאולה איז אויך געווען טאָג-טעגלעך אַ צו בלוטיקער ענין — אַן ענין פון מסירת-נפש. האָט אויך אַזוי דער בונדיסט ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אָט דער פּראַקטישער, בעל-הבתּישער ייִד — אַזאַ איינער, וואָס האָט דעם ריח פון אַ טורמע קיין מאָל ניט אַ שמעק געטאָן, בײַ וועלכן מען האָט אַפילו אַ הויזזוכונג קיין מאָל ניט גע-מאַכט, זאָל גילטן גאָר פאַר אַן אויסלייזער. אומגעפער אַזוי ווי איך האָב געפילט אין

מײַן קינדהייט, ווען איך האָב געטראָפֿן בײינינסאָנען גייענדיק ניט צעפּײַניקט, ווי ר׳ יוסף דילה ריינה אין די הרי-חושך, נאָר גליקשטראַלנדיק גאָר צו זיך אין קאַנטאָר.

זע איך פֿאַר זיך, שרײַבנדיק אָט די ציילן, די דינע זעלאָטן-געשטאַלט פֿון יענעם בונדישן פֿירער אין זשענעווע, מיטן פּנים פֿון ערדקאָליר, וואָס ער האָט געקראָגן פֿון יאָרן טורמע, ווי ער שוימט מיט די בלוט-אָרעמע ליפּן און דערקלערט דעם ד״ר הערצל פֿאַר אַ פֿאַרפֿירער פֿון פֿאָלק, פֿאַר אַ באַטריגער פֿון פֿאָלק. זע איך אויך פֿאַר זיך, מיט אַ פֿערטל יאָרהונדערט פֿריער, דעם דינעם, בלייכן זעלאָטן-פּנים פֿון דעם טאַטן (מיר האָבן קיינער דעם פּנים ניט געזעגנט). איך זע אים אין איינער פֿון די שבת-צו-נאַכטן בײַם פֿעטער מענדל אין הויז, ווי ער שטייט בײַ דער הויכער, ווײַסער, קאַכלדיקער הרובקע, דער קאַפּעלוש הויך אַרויפֿגערוקט, די שוואַרצע האָר, וואָס פֿלעגן שטענדיק זײַן פּינקטלעך פֿאַרקעמט, צעשויבערט, דער פֿײַנער שטערן פֿול מיט גרויסע שווייס-טראָפּנס, די אײַנגעגראָבענע, אויסדרוקפֿולע אויגן בלישטשענדיק. ער רעדט מיט גרויס אויפֿרעגונג און ציט אויס זינגענדיק יעדער וואָרט:

— „און איך זאָג: אם ה׳ לא יבנה בית, שוא עמלו בוניו בו (אַ פּסוק אין תהלים: אויב גאָט וועט ניט בויען דעם בית-המקדש, וועלן זיך אומזיסט מאַטערן זײַנע בויער). בײינינסאָן וועט משיחן ניט ברענגען, ניט ברענגען, ניט ברענגען!״

אויפֿן וועג אַהיים איז נאָך דער טאַטע געווען שטאַרק אויפֿגערעגט. אַ היפּשע צײַט זײַנען מיר געגאַנגען שווײַגנדיק, ווען פּלוצלונג טוט ער זיך אַ שטעל אָפּ און זאָגט מיר:

—„ מײַן וועג אין לעבן איז נאָך געווען אַן אויסגעטראָטענער. דײַן וועג וועט שוין זײַן פֿול מיט גריבער. שווער וועט דיר זײַן דער גאַנג, מײַן זון! דו וועסט זיך מוזן שטאַרקן צו בלײַבן אַן ערלעכער ייִד. דער אייבערשטער זאָל דיר העלפֿן!״

און גראָד האָט געטראָפֿן אויף מאָרגן, צי אויף איבער-מאָרגן, אַז איבערגייענדיק פֿאַרטראַכטערהייט פֿון אַלטן בולוואַר צו דאָמיניקאַנער גאַס, בין איך אין מיטן העלן טאָג שיר ניט אַרײַנגעכאַפּט געוואָרן אין אַ גלחים-פּראָצעסיע. עס איז אָנגעגאַנגען אויף מיר איבער דער גאַנצער ברייט פֿון גאַס, מיט גלאַנציקע צלמים אין די הענט, אַ צײַל פֿאַרגלאָצטע גלחים, אין הויכע סאַמעטענע מיצן און לאַנגע פֿאַרביקע ספּאָדניצעס. און הינטער זיי, צווישן קאָפּ-אָפּגעדעקטן עולם, האָבן לאַנג-וואָנצעסדיקע קלויסטער-קלינגער געטראָגן הויך די הייליקע בילדער—„אָנעטשעס״, ווי מיר, קינדער, פֿלעגן זיי רופֿן. אַ ווײַלע בין איך געבליבן שטיין, צוגעשמידט פֿון שרעק, אין מיטן גאַס, כאַפּנדיק גאָר אַ נאָענטן קוק אויף די „אָנעטשעס״, ביז איך האָב זיך אימפּעטיק אַ ריס געטאָן צום טראָטואַר.

מיט אַ שווערן האַרצן בין איך אַוועק אַהיים. די מאַמע און די באָבע האָבן פֿון פֿריסטער קינדהייט מײַנער נאָכאַנאַנד געוואַכט איבער מײַן זיכּרון, אָפּגעהיט מיך פֿון עסן לעבער, אָנרירן אַ קאַץ און ענלעכס. נעם איך איצט און טו אָפּ אַזוינס, וואָס קען מײַן זיכּרון אין גאַנצן אַוועקפּטרן—זיך אײַנגעקוקט אין די „אָנעטשעס״. איך האָב זיך געפֿילט זייער אומרויִק, זייער זינדיק; אין די סאַמע נאָזלעכער האָט די טומאה מיר אַן אָטעם געטאָן. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז גוט וועל איך שוין ניט אָפּשנײַדן.

און דאָס האַרץ האָט מיך ניט גענאַרט.

מײַן אומגליק איז געקומען גאָר גיך, מיט עטלעכע טעג שפּעטער—שבת פֿאַרנאַכט, ווען איך בין, ווי עס פֿלעגט אָפֿט פּאַסירן, אַוועק מיטן טאַטן שפּאַצירן איבער די שטילע גאַסן אַרום דעם נײַעם בולוואַר. מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען הויסמאַנס מויער, אויפֿן ראָג פּאָדגאָרנער און סקאָבעלעווער גאַסן, ווו עס איז געווען דער פּריצישער קלוב. פּלוצלונג צום פּאַראַדנעם אַרײַנגאַנג אַ טײַערער שליטן, געשפּאַנט צו אַ פּאָר פֿײַערדיקע פֿערדלעך, וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט אָנצוקוקן. אַ לאָקײַ לויפֿט אַרויס, שפּרייט אויס אַ דיוואַן, און אַ יונגער, שלאַנקער גימנאַזיסט, מיט אַ פֿונאַנדערגעשפּילעטן שינעל, און אַ פֿראָסט-צערייטלטע מיידעלע פֿון מײַן עלטער, אין אַ קוטשמע און אַ קאָלנער פֿון

ווײַסע באַראַשקעס, שפּרינגען אַרויס פֿון שליטן. ער — שטרענג און גאַוועדיק, מעשה פּריץ; זי — פֿרײלעך און שטיפֿעריש-שעלמיש. אָט פֿאַרזשמורעט זי די אײגלעך, דערזעט מיך, טוט אַ שמײכל. אַ פּאָר רגעס, און בײדע פֿאַרשווינדן זײ אין ברײט-אויפֿגעעפֿנטן אַרײַנגאַנג, פֿונוואַנען עס טוען זיך אַ טראָג אַרויס קלאַנגען פֿון מוזיק און שײַנען פֿון קרישטאָלענע הענגלײַכטערס. און באַלד שוין דערפֿיל איך, ווי טויזנט טײַוואָלים וואָלטן מיט אַ מאָל אַ צי געטאָן מײַן נשמה און אַ קירעווע געטאָן זי אַהין, צום שײנעם מויער, צו דער פֿרעמדער און פֿרײלעכער וועלט הינטער די פֿאַרהאַנגענע, שטאַרק באַלויכטענע, גרויסע פֿענצטער.

נאָך הבֿדלה גײ איך אַוועק מיטן טאַטן, ווי יעדע שבת-צו-נאַכט, צום פֿעטער מענדל. איך הער ווידער אַרום זיך די קרעכצנדיקע מעשיות, די היציקע וויכוחים. מײַן קאָפּ איז שוין אָבער ניט דערבײַ. איך טראַכט וועגן ערשט איצט געזעענעם בײַ הויס-מאַנס מויער. און עפּעס אַ בענקשאַפֿט מאַטערט מיך — אַן אומבאַשטימטע אומרויִקייט. איך פֿיל זיך גאַנץ מבֿולבל. און אויף מאָרגן פֿרי, ווי נאָר איך רײַס אויף די אויגן, טוען זיך אַ טראָג פֿאַר מיר די הויכע פֿענצטער פֿון הויכמאַנס מויער, און איך דערהער די מוזיק-קלאַנגען, און איך דערזע די קרישטאָלענע שײַנען, און איבער אַלץ מיט אַנאַנד שמײכלט מיר שעלמיש אַ מײדלש פּנימל, אײדל אַזוי און צערײַטלט, מיטן פֿאַרריסענעם נעזל, מיט די גאָלדענע האָר. ניט ווײסנדיק אויף וואָסער וועלט איך בין, ווי אַ פֿאַר-כּישופֿטער, טו איך זיך אָן, איך דאַוון, איך עס, און טראַכט אַלץ וועגן „איר״. ווען פֿלוצלונג טוט וואָס שווערס אַ זעץ מיר אין קאָפּ אַרײַן און אַ קעלט גײט מיר אַדורך אַלע גלידער:

—וועגן וועמען טראַכט איך דאָס? אוי ווײ, אַ נקבֿה! און—אַ שיקסע!

פּרוּוו איך זי, די שיקסע, אַרויסוואַרפֿן פֿון מײַן מחשבֿה. אָבער איך האָב שוין אויף זיך קײן שליטה ניט. פּרוּוו איך דרײַ מאָל אויסשפּײַען, ווי איך וואָלט פֿאַרבײַגע-גאַנגען אַ קלויסטער: „שקץ תשקצנו!״ איך פּרוּוו זי פֿאַרמיאוסן פֿאַר זיך אַלײן: פֿע! אַ טאָכטער פֿון צלם! אַ טאָכטער פֿון די „אָנעטשעס״! אַ טאָכטער פֿון דער עבֿודה-זרה! אָבער פֿאַרמיאוס זי הײַנט — פֿאַרמיאוס זי מאָרגן, אַז זי איז פּאָרט אַזוי שײן און גלוסטיק פֿאַר די אויגן! זע איך שוין, אַז דאָס איז אַן אָנשיקעניש-מעשה שטן! דערמאָן איך זיך אָן דער תּרופֿה פֿון דער גמרא: „אויב עס טרעפֿט דיך אָן דער מנוול (דער יצר-הרע), טאָ שלעפּ אים אַוועק אין בית-מדרש!״ לויף איך באַלד אין כאַטאַיוויצער שול. לויפֿט ער, דער ימח-שמוניק, מיט. זעץ איך זיך בײַ דער „בבא-בתרא״, זעצט ער זיך אויך און טורקעט מיר אַלץ פֿאַר די אויגן די קליפּה זײַנע, דעם שעלמישן פּנימל, דעם גויִשן נעזל, דעם פּוטערל, וואָס איז געוויס פֿון שעטנז.

נעם איך זיך דערמאָנען ווערטלעך פֿון די מוסר-ספֿרים, פֿון די פּרקי-אבֿות. זינג איך פֿאַר זיך אין דער שטיל מיטן ניגון פֿון האַראָדנער מגיד: „ווייס, פֿונוואַנען דו קומסט, וווּהין דו גײסט, פֿאַר וועמען דו וועסט דאַרפֿן אָפּגעבן דין און חשבון!״ קלעפּט זיך דאָס שוין ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. קומט דערווײַל דער קלויזניק, מײַן רבי. שאָקלען מיר זיך בײדע איבער דער „בבא-בתרא״; ער זאָגט, איך שלעפּ זיך נאָך, און מײַן געדאַנק איז בײַ הויסמאַנס מויער. כאַפּ איך זיך ווידער—אוי ווײ! שטײט דאָך אין פּרק: „אַז מען גײט אין וועג און מען חזרט די תּורה און אין מיטן דרינען איז מען מפֿסיק צו טראַכטן: ווי שײן איז דער בוים! איז מען אַ מתחייבֿ בנפֿשו״. איז מה דאָך אַז דאָס איז אַזוי וועגן אַ בוים, איז דאָך אַ פּשיטא שוין וועגן אַ שיקסע! קעמף איך מיט זיך, און טראַכט דאָך וועגן „איר״. איך זאָג זיך אַלײן: אָך, דו חייבֿ-מיתהניק! און טראַכט ווײַטער וועגן „איר״. איך ווער משוגע.

און פֿאַרנאַכט צעפֿלאַקערט זיך ערשט ריכטיק דער קאַמף: צי זאָל איך בלײַבן אין שול און דאַוונען בציבור מיט אַלע ייִדן מנחה און מעריבֿ? צי זאָל איך לויפֿן צו הויסמאַנס מויער—צו דער טאָכטער פֿון דער עבֿודה-זרה?

ווי יעדער גרויסער שטיפער, בין איך געווען אַ גאַנץ קליינער דאַווענער. איך פֿלעג געבן אַ שלונג דעם סידור, אַ היפּ איבער, און פֿאַרטיק. די באָבע פֿלעגט מאַכן קולות: „רעלקע (מײַן מאַמעס נאָמען), ער היפּט איבער, דער יונגאַטש!" איך פֿלעג שוין אָבער אַ שפּײַ טאָן אין „עלינו" און—פֿאַרפֿאַלן! אַזוי פֿלעגט אויך זײַן מיט קריאת־שמע. אַ מידער, אַ פֿאַרשטיפֿטער, פֿלעג איך פֿאַלן אויפֿן נאָז, און די באָבע פֿלעגט רײַסן, וועקן, ניט לאָזן אײַנשלאָפֿן: „קריאת־שמע, אַבֿרהמל, קריאת־שמע!" איך בין געווען זייער פֿרום אין גײַסט, בעת אין מײַנע מעשים בין איך געווען איינער פֿון די ווילדסטע מינסקער באָדיונגען—ניט צו שטאַרק אָפּגעהיט אַפֿילו וועגן שבת. אונדזער חבֿרה פֿלעגט לויערן אויף קליינינקע ייִדישע גימנאַזיסטלעך און געבן קלעפּ, הלמאַי זיי טראָגן די רענצלעך אום שבת, און בינו־לבינו פֿלעגן מיר, די גאָטס־קאָזאַקלעך, אָפּטמאָל אַליין צעברעכן אַ רענצל זייערן אום שבת. פֿלעג איך נאָכאַנאַנד טראַכטן וועגן תשובֿה טאָן און נאָכאַנאַנד די תשובֿה אָפּלייגן.

און ערשט אין יענע טעג פֿון מײַן אומגליק האָב איך שוין טאַקע ריכטיק תשובֿה געטאָן.

שוין דורכן טאָג האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אפֿשר האָט זיך דאָס גאָר די סיטרא־אַחרא אויף מיר פֿאַרלייגט, פֿאַרוואָרפֿן אַ נעץ אַרום מײַן נשמה. איך האָב זיך שוין געפֿונג אָנגעהערט און אָנגעלייענט וועגן דעם. עס איז מיר אַרײַנגעפֿאַלן אַ חשד, אַז אפֿשר איז גאָר די שעלמישע שיקסעלע אַ פֿאַרשטעלטע, אַן אונטערגעשיקטע פֿון גיהנום. בין איך פֿאַרנאַכט מיט צונויפֿגעדריקטע פֿויסטלעך געבליבן דווקא אין שול—איין אָוונט, אַ צווייטן, אַ דריטן. פֿאַררוקט אין אַ ווינקל, האָב איך געדאַוונט מנחה און מעריבֿ—אין דער שטיל, אָבער מיט גרויס כּוונה, ווי קיינמאָל ניט. איך האָב געוויינט צו גאָט, אַז ער זאָל מיך ראַטעווען, גערופֿן צו די הייליקע אבֿות און אמהות, אַז זייער זכות זאָל מיר בײַשטיין.

און דערנאָך בין איך געקומען אַהיים—צו דער פֿײַכטקייט, צו דער פֿינצטערניש, צו דער ענגעניש און ווידער האָט מיך אַ צי געטאָן טײַוולש אַהין—צום גרויסאַרטיקן מויער, צו די שטאַרק באַלויכטענע פֿענצטער, צו רחבֿות און פֿריצישקייט, צו שיינקייט און שײַניקייט, צו מוזיק און קרישטאָל און—צו „איר".

איך האָב שוין פֿריער איבערגעלייענט עטלעכע העבֿרעיִשע ראָמאַנען. דאָס איז אָבער דערהויפּט געווען דער לשון, וואָס האָט מיך אַנטציקט. איך האָב אויך זייער ליב געהאַט שיר־השירים, און לייענענדיק דאָרט וועגן די גלוסטונגען פֿון די פֿאַרליבטע, פֿלעג איך פֿילן אַ צערטלעכן ציטער. איך האָב אָבער געוווסט, אַז דאָס איז נאָר אַ משל, אַז דאָרט ווערט גאָר באַזונגען די הימלשע ליבע, וואָס גאָט פֿירט מיט דער כּנסת־ישׂראל. איך האָב אויך געהאַט אַ ברייטע ידיעה וועגן די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע ווײַבערשע ענינים—וועגן נשים. נאָך צו אַכט יאָר, בעת איך האָב אין חדר געלערנט די מסכתּא „בבא קמא", האָט שוין דער טאַטע געדונגען אַ קלויזניק, וואָס האָט געלערנט מיט מיר אין די זומער־פֿאַרנאַכטן, בין מנחה למעריבֿ, די מסכתּא „קידושין". און אויך אין די דרײַ „בבות", הגם זיי זײַנען אַ טייל פֿון סדר נזיקין, טרעפֿן זיך אויף טריט און שריט פּיקאַנטע ווערטלעך, מעשׂיות און דינים, וואָס געהערן שוין אין גאַנצן צו סדר־נשים. דאָס זײַנען אָבער אַלץ געווען פֿאַר מיר הוילע אַבסטראַקציעס, מאַרך־גימנאַסטיק, אַ שטייגער, ווי דער ענין מכּוח „גאָלד וואָס קויפֿט זילבער", אָדער מכּוח „אַן אָקס וואָס שטויסט אַ קו", אָדער מכּוח דער אויבן דערמאָנטער שיף, וואָס איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן. דאָך, איצט, ווען דער היציקער דמיון האָט זיך צעשפּילט, איז שוין עפּעס יע פֿון געלערנטן געקומען אויפֿן צערודערטן זינען. האָב איך זיך אַליין געמוסרט מיט די ווערטער פֿון די עלטערן פֿון שמשון הגיבור: „שוין זשע איז צווישן דײַן אייגן פֿאָלק ניטאָ גאָר קיין פֿרויענצימער, וואָס דו האָסט זיך דווקא פֿאַרקוקט אויף אַ טאָכטער פֿון די פּלשתּים די ערלים!" אָ,—האָב איך געטראַכט—וואָלט איך ניט געווען אַזאַ שעמעוודיקער, האָב איך

דאָך געדאַרפֿט אויסשרײַען אין דער הייך, בפֿני כּל עם ועדה: „נורא בי אַבֿרהם!” (אַ פֿײַער ברענט בײַ אַבֿרהמען) — אָט אַזוי ווי עס ווערט דערציילט אין דער מסכתּא „קידושין” וועגן דעם אמוֹרא רב עמרם, וואָס האָט טאַקע אויסגעשריגן, ווען עס האָט געהאַלטן בײַ אים מיטן יצר-הרע שמאָל: „נורא בי עמרם!” און מענטשן זײַנען אָנגעלאָפֿן צו לעשן. ער האָט שוין געהאַט גענוג בזיונות, אָבער פֿון אַן עבֿירה האָט עס אים פֿאַרהיט.

און שבת פֿאַרנאַכט, ריכטיק צו דער וואָך, האָב איך שוין מער ניט אויסגעהאַלטן. אַזוי ווי מיט שטריק געפֿלאָכטענע פֿון שלאַנגען, האָט מיך אַ צי געטאָן, און איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט צו הויסמאַנס מויער. איך האָב זיך שוין סײַ-ווי געהאַלטן פֿאַר אַ פֿאַר-פֿאַלענעם — אַ קרבן אויפֿן פֿײַער פֿון אַשמדאַי און לילית. בין איך געגאַנגען אויף איינס-געגאַנגען און קיינעם ניט געפֿונען, געוואַרט ביז שפּעט בײַנאַכט, און קיינער האָט זיך ניט באַוויזן. אַ צעשראָקענער, אַ צעשוויצטער האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין אַ ביטערער קעלט, און אַ דורכגעפֿראָרענער, שוידערנדיק פֿאַר פֿיבער, בין איך געקומען אַהיים און זיך אַוועקגעלייגט קראַנק.

דער רופֿא האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ געלעגער. עס איז מיר צוגעפֿאַלן אַ היץ, און איך האָב פֿעסט אַרײַנגענומען אין געדאַנק צו האַלטן די ליפּן שטײַף און ניט אויס-פּלוידערן מײַן שרעקלעכן סוד. איך האָב געזען אַרום זיך באַשײַמפּערלעך ניט-גוטע — די שונאים פֿון מײַן נשמה, די שונאים פֿון מײַן אומה. די שיקסעלע אין די ווײַסע באַראַשקעס, וואָס האָט מיך אַזוי שעלמיש צוגעצויגן, האָב איך שוין אַ פּאָר מאָל געזען אין איר ריכטיקער געשטאַלט — מיט הינערשע פֿיסלעך. און וואָס העכער עס איז געשטיגן די היץ פֿ׳ן קראַנקייט, אַלץ נידעריקער איז געפֿאַלן די היץ פֿון יצר-הרע. ווען איך בין געזונט געוואָרן, איז שוין אַלץ פֿאַרוויִעט געווען, אַזוי ווי אַ וואָלקן, אַזוי ווי אַ שאָטן. איך האָב נאָר אַ לאַנגע-לאַנגע צײַט געוויַכט פֿון הויסמאַנס מויער, ווי פֿון אַ נעסט פֿון דער סיטרא-אַחרא.

עס האָט שוין געשטראַלט און געשאַלט מיט פֿרילינג, ווען איך בין אַרויס אין גאַס. איבער מינסק איז אָבער געהאַנגען די שרעק-כמאַרע פֿון אַ פּאָגראָם. ווידער האָבן די שיינע בעלי-בתּים אַרויסגעקוקט נאָך שוץ צום פּראָסטן המון — צו די קצבֿים און מאַרקלײַט, צו די פֿורמאַנעס און די בעלי-מלאָכות. און ווען עס איז אָנגעקומען די נאַכט פֿון פּאַסכאַ, פֿון דער קריסטלעכער חגא, פֿאַר וועלכער מען האָט זיך געשראָקן, האָט מען אין פֿראַנציסקאַנער גאַס געהייסן צושליסן די טויערן אין אַלע הויפֿן. איך האָב זיך אָבער געקליגט צו בלײַבן אויפֿן כאַטאַיוויצער הויף. און שפּעט בײַנאַכט בין איך שוין געלעגן בהרחבֿהדיק אויף דער ערד, האַרט אונטערן טויער, און איך האָב אַרויסגעקוקט אין גאַס און געוואַרט.

און אָט האָבן געגומען גיין די גויִים; פֿון הינטער שטאָט און די גויִישע גאַסן און געסלעך האָבן זיי גענומען שיטן דורך פֿראַנציסקאַנער גאַס צום גרויסן קלויסטער אויפֿן מאַרק. און איך, וואָס מיט אייניקע וואָכן צוריק האָט מיך אַזאַ צי געטאָן צו דער פֿרעמדער וועלט פֿון פֿרײַקייט און שיינקייט, האָב איצט דערפֿילט אַן אימה פֿאַר דער פֿרעמדער וועלט פֿון כּוח און אַכזריות — אַזאַ אימה, אַז איך בין שוין גרייט געווען דורכצוקריכן אונטערן טויער און אַנטלויפֿן אַהיים. איך בין אָבער אויס נײַגעריקייט געבליבן, און די אימה איז געוואָרן אַלץ אימהדיקער. פֿון מײַן פֿאַרבאָרגעניש אונטערן טויער האָב איך געקענט זען נאָר די גויִישע שטיוול, אַלערליי שטיוואַלעס — סקריפּעדיקע, דזשעגאַכצדיקע, ריזיקע, רוגזהדיקע. הילכיק האָבן זיי אָפּגעקלאַפּט איבער די טראָטואַרן פֿון דער פֿאַרשטילטער, פֿאַרטײַעטער, צעשראָקענער גאַס. איך בין געלעגן אויף דער ערד און געשווידערט צו דענקען, אַז דאָס זײַנען שוין די ריכטיקע גויִים, וואָס מאַכן די פּאָגראָמען. איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז פּונקט מיט אַזעלכע הילכיקע טריט האָבן זיך דאָס אַמאָל געלאָזן אין מיטן נאַכט אויף די ייִדישע הײַזער די שלוחים פֿון דער

אינקוויזיציע, אַז מיט אַזאַ צעקאָכטער יוכצע איז מען דאָס אין פֿאַרשיידענע צײַטן געגאַנגען צו מאַכן די גרויסע שחיטות אין די ייִדישע קוואַרטאַלן. דער גוי גייט אויף אונדז מיט אַט דעם שרעקלעכן טראָט. מיר האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז אַלע גרוילן פֿון דער ייִדישער געשיכטע זײַנען אויפֿגעשטאַנען פֿון די אַלטע ייִדישע כראָניקעס און מיטגעגאַנגען. און מיט אַלערליי פֿאַנטאַסטישע קריגספּלענער און מיט אַ פֿראָסט דורכן רוקן האָב איך זיך אַלץ געפֿרעגט: צי וועלן מיר נאָך ווען עס איז האָבן דעם כּוח צו שטעלן זיך אַנטקעגן, „לעמוד על נפשנו", אַזוי ווי אין די צײַטן פֿון המן האַגגי?

אָבער ווי געוואָגט עס זײַנען געווען מײַנע קריגספּלענער, בין איך דאָס געווען דער, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד — אין באַהעלטעניש, אין שרעק, צרהדיק. איך האָב זיך געפֿילט קאָמיש, קלאָגעדיק. און ווען די פּראָצעסיע פֿון די גויִשע שטיוול האָט אָפּגעהילכט, בין איך דורכגעקראָכן אונטערן טויער און אַוועק אַהיים — אַן אויסגעטרייסלטער ביז אין טיפֿעניש פֿון דער נשמה, פֿול מיט האַס קעגן דעם פֿרעמדן, בייזן, רשעותדיקן כּוח, און פֿול מיט רחמנות אויפֿן כּלל-ישראל, פֿול מיט גרייטקייט צו לעבן און מוסר-נפֿש צו זײַן זיך פֿאַרן כּלל-ישראל. איך האָב שוין איצט געפֿילט גאָר-גאָר אַנדערש, איידער מיט עטלעכע וואָכן צוריק בײַ הויסמאַנס מויער, בײַם פּרעכטיקן, פּריצישן שליטן מיטן איידעלן מיידלשן פּנימל.

צוויי גאַנץ באַזונדערע קינדערשע, אָבער טיפֿע איבערלעבונגען, וואָס זײַנען געקומען, אויפֿן שוועל פֿון מײַן יוגנט, איינע נאָך דער צווייטער — אַ סימבאָל פֿאַר מײַן ווײַטערן אינערן לעבן, פֿאַרן שטענדיקן קאַמף צווישן די געפֿילן פֿון שיינקייט און פֿרײַהייט און די געפֿילן פֿון גערעכטיקייט און חובֿ, צווישן דעם יצר-הרע און דעם יצר-טובֿ.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אָנגעקומען אין מינסק די נײַס פֿון שוידערלעכן פּאָגראָם אין באַלטע.[19] עטלעכע הויפֿן ווײַטער פֿון אונדזער דירה אויף יורעווסקער גאַס האָט געוווינט בערע פּאַמפּי, און ער האָט געהאַט בײַ זיך אַ מנין. דאָרט, אין אַ פֿרײַטאָג-צו-נאַכט, האָב איך געהערט נאָכן דאַוונען די גאַנצע גרויל-געשיכטע פֿון דעם פּאָגראָם. פּאַמפּי איז געווען אַ פֿאַרמעגלעכער, פֿרום-געשטימטער משׂכּיל, וואָס האָט קיין קינדער ניט געהאַט, און זײַן ענערגיע און זײַן אייגנס האָט ער אָפּגעגעבן זײַן גרויסער ביבליאָטעק — איינע פֿון די גרעסטע בײַ ייִדן. איבער אַלע ווענט, פֿון די דילן ביז אין זייער הויכן סופֿיט אַרײַן, האָבן זיך געצויגן פּאָליצעס אָנגעפּראָפּטע מיט ספֿרים — רבנישע חיבורים אַלערליי, קבלה, דרוש, מוסר און שאלות-ותשובֿות אָן אַ סוף. זײַנען אויך די ספֿרים געווען די שטומע צוהערער פֿון דער גרויל-געשיכטע. פֿאַרכטיק האָט מיר אָפּגעקלונגען די נײַס פֿון דעם פּאָגראָם צווישן די צענדליגער טויזנטער ייִדישע ספֿרים, פֿאַר וועלכע ייִדן אין די מיליאָנען זײַנען אין פֿאַרשיידענע צײַטן געשטאָרבן. איך האָב מיט צער געטראַכט, ווי די ספֿרים שטייען אַזוי און הערן ווײַטער אַלץ פּאָגראָם-מעשׂיות און ווי די ייִדן שטאַרבן אַזוי פֿאַר זיי ווײַטער אַלץ אין די פּאָגראָמען.

און פֿון די אַלע בלוט-פֿאַרקילנדיקע מעשׂיות האָט מיך צום שטאַרקסטן געטראָפֿן די מעשׂה וועגן דער מיתה משונה פֿון אַן אַלטן רבֿ, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אים מל געווען מיט אַ האַק.

עס איז געווען אַ ווײַסע, ווייכע פֿרילינגנאַכט. אַ ליבלעך ווינטעלע האָט מיר געגלעט די צעפֿלאַמטע באַקן, ווען מיר זײַנען אַרויסגעגאַנגען פֿון מנין. פֿון הויכן, אויסגעשטערנטן הימל האָבן אַרונטערגעהאַנגען פּאַסן פֿון ווײַסקייט און ווייכקייט. און פּלוצלונג האָט זיך פֿאַר מײַנע אויגן אַ טראָג געטאָן דאָס צעראַבירטע הויז פֿון באַלטער רבֿ, אַזוי ווײַס און ווייך באַדעקט מיטן פּוך און מיט די פֿעדערן פֿון די אויפֿגעריסענע

19 דער פּאָגראָם אין באַלטע איז פֿאָרגעקומען דעם 29סטן מערץ 1882. — ר ע ד'.

קישנס, און צווישן זיי, אַ רויט-פֿאַרגאָסענער מיט זײַן אייגן בלוט, קאָרטשעט זיך אין טויט-עינויים דער באַלטער רבֿ.

אויף מאָרגן, שבת אין דער פֿרי, ווי נאָר איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט באַלד אַ האַק געטאָן מיר פֿאַר די אויגן דאָס זעלבע שרעקבילד. איך בין פֿאַרציטערט געוואָרן. איך האָב דאָך אין די פֿריערדיקע יאָרן אַזוי פֿיל געליטן פֿון אַזעלכע סאָרטן קאָשמאַרן. האָב איך מורא געהאַט פֿאַר אַ נײַעם קאָשמאַר, וואָס וועט מיך אָפּמאַטערן וואָכן לאַנג. איך בין שוין אָבער געווען עלטער, ווידערשטאַנדספֿעיִקער. באַלד נאָך וואַרמעס בין איך אַוועק אויפֿן אַלטן בולוואַר, וואָס איז נאָך יעמאָלט ניט פֿאַרפֿלאַנצט געווען מיטביימער. אַ פּאָר שעה האָב איך דאָרט אָפּגעשפּרונגען אויף איין פֿוס אין אַ שפּיל, וואָס מיר פֿלעגן רופֿן „קלאַסן“. דערנאָך האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט אַ לאַנגע צײַט אויפֿן נײַעם בולוואַר, אין גובערנאַטאָר-סאָד, צווישן די צאַרט אויפֿגעגרינטע ביימער און ביימלעך. און עס איז איבערגעגאַנגען.

נאָך פּסח האָב איך זיך אײַנגעשאַפֿט אַ צווייט ביכעלע, וווּ איך פֿלעג שוין אַרײַנשרײַבן „תּורה“. פֿלעג איך הערן אַ פּשטל, פֿלעג איך אים פֿאַרשרײַבן. שרײַבנדיק פֿלעגט בײַ מיר זיך אויסדריידלען נאָך אַ פּשטל — שוין אַ שטיקל פּילפּול. אַרומטראַכטן פֿלעג איך מײַן „תּורה“ געוויינטלעך אויפֿן נײַעם בולוואַר, וואָס איז געווען ניט ווײַט פֿון אונדזער דירה. דאָרט, אויף די בענק, פֿלעג איך יעדע פֿרײַע מינוט זיך דרייען דעם קאָפּ וועגן אַלערליי פּשטלעך, בעת אַרום האָבן זיך געלאָזט הערן שיר-השירימדיק די שטימען פֿון די פֿייגעלעך, און צערטלעך האָבן געגרינט די יונגינקע גרעזעלעך און בוים-בלעטעלעך. איך האָב זיך אַרײַנגעלאָזן אין דעם און עס איז געוואָרן בײַ מיר אַזאַ תּאווה, אַז אַפֿילו באָדעווען האָב איך אַ געוויסע צײַט אויפֿגעהערט. דעם טאַטן איז דאָס אָבער ניט געפֿעלן געווען. יונגערהייט איז דער טאַטע געווען אַ פּרוש אין ווילנע, האָט געלעבט אין דער גרויסער טראַדיציע פֿון ווילנער גאון, אויף וועמען ער האָט געקוקט, ווי אויף אַ מלאך עליון. דער גאון האָט געלייגט גרויס געוויכט אויף תּנך און דיקדוק. האָט דער טאַטע געזען, אַז איך זאָל קענען תּנך און דיקדוק. דעם גאונס דרך אין לערנען איז געווען קעגן פּילפּול. דער טאַטע פֿלעגט דערציילן פֿאַרשיידענע מעשהלעך, ווי הויך דער גאון האָט געשטעלט דעם שכל-הישר — אַז אמתע גאונות ליגט נאָר אין פּשטות. און דער טאַטע האָט זייער ניט ליב געהאַט די קרומקייטן פֿון קאָפּ, אַזוי ווי די קרומקייטן (עקמומיות) פֿון האַרץ. זײַנען אים שוין געווען מער צום האַרצן מײַנע קינדערשע שירים, איידער מײַן קינדערשער פּילפּול. און ער האָט מיר געבראַכט די שירים פֿון די ביידע לעבענזאָנס, וואָס ער האָט קענטיק אַליין אויך זייער ליב געהאַט. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער דאָס באַטראַכט שוין פֿאַר אַ פֿאַלשן שריט, וואָס ער האָט זיך דאָס גאַנצע לעבן ניט מוחל געווען.

אד״ם (אַבֿרהם דובֿ מיכאַילישקער) הכּהן לעבענזאָן, אָדער בערל מיכאַילישקער ווי דער טאַטע פֿלעגט אים רופֿן, איז געווען אַ גוט באַקאַנטער אַפּיקורס אין ווילנע. אין זײַנע שירים איז אָבער קיין אַפּיקורסות ניטאָ. אמת, ער האָט אין די שירים נאָכאַנאַנד געלויבט און דערהויבן די זון, וואָס געוויס איז דאָס געווען אַ משל אויף דער השׂכּלה, און ער האָט אויסגעדריקט אַ שטאַרקן האַס צום חושך, וואָס געוויס איז דאָס געווען אַ משל אויף דער אָרטאָדאָקסיע. דאָס איז אָבער געטאָן געוואָרן זייער פֿאַרשטעלט און דערבײַ נאָך אין זייער אַ גוטן לשון-קודש. איז דער טאַטע געווען גענוג טאָלעראַנט ניט צו פּסלענען אַ ווערק נאָר דערפֿאַר, וואָס דער מחבר איז פּסול געווען. אַ גאַנצע באַוועגונג, די באַוועגונג פֿון די חובֿבֿי-ציון, האָט ער דערפֿאַר טאַקע יע געפּסלט, אָבער ניט אַ ספֿר, וואָס איז געשריבן אין אַ גוטן לשון-קודש. און אָט דער ספֿר פֿון אדם הכּהן, „שירי שׂפת קודש“, האָט ווידער אויפֿגעוועקט אין מיר דעם חשק צו שירים, באַרײַכערנדיק מײַן לשון און מײַן טעכניק, כאָטש די מליצהדיקע שירים האָבן אויף מיר קיין באַזונדערן רושם ניט געמאַכט. נאָר איין פּאָעמע — „החמלה“, געדענק איך, האָט לאַנגי-

לאַנג געפּײַניקט מײַן פֿאַנטאַזיע מיט אירע שילדערונגען פֿון מענטשלעכער אַכזריות. שפּעטער אַ ביסל האָט מיר דער טאַטע געבראַכט אויך די שירים פֿון אדמס זון, מיכ״ל (מיכה יוסף כהן לעבענזאָן)—„שירי בת ציון״ און „כנור בת ציון״. און ווי אַ דאָרשטיקער אין מדבר, בין איך צוגעפֿאַלן צו זייער שלאָגנדיקן קוואַל. אויב בײַם אַלטן לעבענזאָן איז דער עיקר דער לשון-קודש, איז שוין בײַ זײַן זון דער עיקר די פּאָעזיע — ניט די מליצה פֿון תּנך, נאָר די עכטע פּאָעזיע פֿון תּנך, די הערלעכע בילדער פֿון תּנך, משה, שלמה, קהלת. און איך האָב עס באַלד אין מיכ״לס שיר דערפֿילט. איך האָב שוין דעמאָלט געענדיקט „בבא בתרא״, געוווּסט אַלע דרײַ „בבות״, און מיט אַ נײַעם רבי, אַ ראש-ישיבֿה, האָב איך געלערנט „חולין״ מיטן רא״ש. מײַן קאָפּ איז שוין אָבער מער ניט געווען בײַ „הכּל שוחטין״ און „אילו טריפֿות״, ווי נאָר איך האָב זיך באַקאַנט מיט מיכלס שירים. אַן אמתער ליריקער, אַ ווייכער און אַ צאַרטער, וואָלט מיכ״ל געוויס אויסגעוואַקסן צו ווערן אַ גרויסער פּאָעט, אויב די שווינדזוכט וואָלט אים ניט אַרײַנגעטריבן צו 24 יאָר אין קבֿר. ווייעט אַ רירנדיקער טרויער פֿון זײַן פּאָעזיע—אַ פּאָעזיע פֿון יוגנט און פֿרילינג און גלוסטונג, דורכגענומען מיטן אָטעם פֿון טויט און אַ לעבנסדאָרשט, וואָס איז דעריבער נאָך ברענענדיקער. עד היום לעבט נאָך אין מיר דער אײַנדרוק פֿון זײַן שיר „חג האָבֿיבֿ״, ווי דער מידער, קראַנקער דיכטער שפּאַצירט אין אַ שײַנענדיקן פֿרילינג-יום-טובֿ איבער די גאַסן פֿון בערלין, צווישן פֿריידיקע גערוישן און רייצנד-שיינע מיידלעך, טראָגנדיק אין זיך דעם טויט. און איך, אַ געזונטער, אַ לעבנסלוסטיקער, אַ פֿריילעכער, האָב דעמאָלט, אין טיפֿן מיטגעפֿיל צום דיכטער, גענומען פֿאַנטאַזירן, ווי איך וועל אויך ווען עס איז, אַ קראַנקער פֿון סוכאָטע, שפּאַצירן איבער רוישיקע גאַסן און מחבר זײַן אַזעלכע פֿײַנע און טרויעריקע פֿערזן. אַ פּאָר שירים אַזעלכע האָב איך טאַקע, איידער וואָס ווען, אין מײַן ביכעלע אַרײַנגעשריבן.

צו דער זעלביקער צײַט איז מײַן אויער געווען אָפֿן אויך פֿאַר די געזאַנגען אויף מאַמע-לשון—דערהויפּט פֿאַר גאָלדפֿאַדנס מאָטיוון, וואָס מײַן עלטערע שוועסטער, פֿייגע, פֿלעגט ליב האָבן צו זינגען. בײַ אונדז איז געווען אַ זינגענדיק הויז. אַלע האָבן געזונגען—אַפֿילו אויך די 75 יאָריקע באָבע. זי פֿלעגט, אונטערטופּענדיק מיט די פֿיס, זינגען לידלעך, וואָס איר באָבע פֿלעגט איר נאָך זינגען—געוויס פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. מײַן שוועסטער, פֿייגע, פֿלעגט גאַנץ געראָטן איבערגעבן אויך די געגראַמטע זאָגעכץ פֿון אליקום צונזער—אליקום בדחן, ווי מען פֿלעגט אים רופֿן. צונזער איז אַחוץ אַלץ געווען אַ דערבײַיִקער. ער האָט געוווינט אין מינסק און טאַקע אויף איין הויף מיטן פֿעטער מענדל. פֿאַרשטייט זיך, נאָך מיכ״לס געהויבענע שירים האָט צונזער גאָר ווייניק געקענט אַפּעלירן צו מיר. אָבער זײַנע קופּלעטן וועגן דעם פּוכטן פֿראַנט און דעם פּאָטשטאַליאָן און דעם אײַזנבאַן זײַנען געווען נאָענט צו דער ערד—אָפּטמאָל טאַקע צו דער מינסקער ערד. איך געדענק נאָך פֿון אים אַ שטיקל מינסקער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אין גראַמען, אַז „מינסקער קאַפּיטאַל האָט אייביק געשלאָפֿן שטײַף, אין זײַנע לאָדן האָט קיינער ניט געקלאַפּט, דאָך, ווי נאָר דער לאָקאָמאָטיוו האָט געגעבן אַ פֿײַף, האָט ער זיך פֿון צלונג פֿון שלאָף אויפֿגעכאַפּט״. דערהויפּט אָבער פֿלעגט מיך צענעמען גאָלדפֿאַדן. איך קען נאָך עד היום אָן טיפֿער אויפֿרעגונג ניט הערן געוויסע געזאַנגען פֿון זײַנע נאַציאָנאַלע אָפּערעטעס, ווײַל אין זיי לעבט אויף פֿאַר מיר צוריק מײַן קינדהייט.

עס איז געווען מיט די ייִדישע לידלעך דאָס זעלבע, וואָס מיטן טײַטש-חומש. איך פֿלעג ליב האָבן צו הערן, ווי די מאַמע זינגט אויס פֿרום און פֿײַערלעך די סדרה פֿון איר טײַטש-חומש, טײַטלענדיק מיט די שיינע, צאַרטע פֿינגער איבער די שורות. פּאַקט מיך אין מיטן דרינען דער טאַטע, ווי איך, אַ גמרא-ייִנגל, שטיי אַזוי און הער מיט אַ צעלויכטענעם פּנים די וווּנדער-מעשׂיות פֿון ווײַבערשן ספֿר. לאַכט ער פֿון מיר. ווער איך רויט איבער די אויערן און אַנטלויף. אָבער שפּעטער אַ ווײַלע כאַפּ איך זיך צו

באַהאַלטענערהייט צום טײַטש-חומש און זופּ אַרײַן דאָרשטיק די סדרה. און אַזוי כּסדר, ביז איין מאָל איז די מאַמע פֿאַרווּנדערט געוואָרן צו זען, אַז איך ווייס גאָר איר טײַטש-חומש אויפֿן דף.

און אָט בעת איך בין אַזוי פֿאַרטאָן געווען דעם גאַנצן פֿרילינג אין אַ זינגענדיקער וועלט, קום איך אָנהייב זומער איין מאָל אין אָוונט אַרײַן צום פֿעטער מענדל און טרעף דאָרט זײַן איין איינציקן זון, אהרן האַמבורג, אין אַ הייסן איבעררייד מיט זײַן טאַטן.

מײַן שוועסטערקינד אהרן האַמבורג האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט, און כאָטש אַליין האָט ער שוין געהאַט קינדער פֿון מײַן עלטער, האָט ער זיך געהאַלטן מיט מיר ווי אַ חבֿר. מיר פֿלעגן גאַנץ אָפֿט אין אַ פֿרײַען אָוונט אָדער אַ פֿרײַטאָג בײַטאָג לערנען צוזאַמען דעם „חובֿת הלבֿבֿות“. אַזוי ווי איך האָב געהאַט קינדווײַז אַ טבֿע צו ריידן מיט די הענט און די פֿיס און אַלע רמ״ח אבֿרים, פֿלעגט ער מיר אין שפּאַס פֿאַרבינדן די הענט און די פֿיס מיט האַנטיכער. און בײַם „חובֿת הלבֿבֿות“ פֿלעגן שוין אַלע פּענטעס אַרונטערפֿליען, ווי נאָר איך פֿלעג אַרײַנקומען אין ברען. אין יענעם אָוונט אָבער איז שוין מײַן קוזען ווײַט געווען פֿון שפּאַס. דאָס איז געווען באַלד דערנאָך, ווי עס זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן איגנאַטיעווס גרויזאַמע מאַי-גזירות פֿון יאָר 1882, לויט וועלכע מען האָט די ייִדן פֿאַרטריבן פֿון די דערפֿער און די פּריצישע גיטער און מען האָט זיי צונויפֿגעשטיקט אין די איבערפֿולטע שטעט און שטעטלעך פֿון „ייִדישן תּחום“. די צאַרישע רעגירונג האָט מיט אָט די גזירות געוואָלט אַרויסשטעלן די ייִדן פֿאַר אַ „העכסט שעד-לעכן עלעמענט“, פֿאַרן אומגליק פֿון דער רוסישער פּויערשער באַפֿעלקערונג, כּדי צו רעכטפֿאַרטיקן די פּאָגראָמען, וואָס די רעגירונג אַליין האָט געהאָלפֿן אויפֿהעצן. מײַן קוזען איז דערפֿון אַזוי אויפֿגערודערט געוואָרן, אַז ער האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן זײַנע געשעפֿטן און אַוועקפֿאָרן מיט זײַן פֿאַמיליע פֿון רוסלאַנד.

דער פֿעטער מענדל האָט זיך זייער געקאָכט פֿון אַזאַ „אײַנפֿאַל“ פֿון זײַן בן יחיד: „וווּהין וועסטו לויפֿן? צו די טערקן? צו די באַשיבוזוקן?“ (מיינענדיק ארץ-ישׂראל). מײַן קוזען האָט געענטפֿערט, אַז ער וועט לויפֿן כאָטש אין די הרי-חושך, אַבי וואָס ווײַטער פֿון „ארץ הדמים“ (פֿון בלוטיקן לאַנד). דער פֿעטער האָט אים גערופֿן „משוגע-נער“. און מײַן קוזען האָט דערקלערט, אַז ער קען שוין מער די ייִדישע צרות ניט איבערטראָגן, און ער האָט זיך דערבײַ צעוויינט ווי אַ קינד. מיר איז געוואָרן סטראַשנע צו זען אַ מענטשן פֿון זײַן ווּקס און געבײַ, אַ ריז, וויינענדיק, און איך בין אַרויסגע-לאָפֿן פֿון הויז.

עס איז געווען אַ וואַרעמע נאַכט, און איך בין אָוועק בלאָנזשען איבער גאַסן און געסלעך, וואָס זײַנען נאָך דער פֿאַר-אַ-יאָריקער שׂרפֿה שוין האַלב פֿאַרבויט געווען. די בעלי-בתּים און די אײַנוווינער, מורא האָבנדיק פֿאַר נײַע פֿײַערן, פֿלעגן נאָך דער ריי וואַכן דורך די נעכט. זיי פֿלעגן אומגיין איבער די געסלעך, קלאַפּן מיט אַ קאַלעקאָטקע און שרײַען מיט אַ צעצויגענעם קול: „וואַרטו!“ הערנדיק אַרום מיר דעם „וואַרטו“, האָב איך פּלוצלונג אַ הייב געטאָן די אויגן צום הימל, און עס האָט אַ שטראַל געטאָן פֿאַר מיר פֿון תּנ״ך די פֿאָרשטעלונג, ווי ישעיהו און יחזקאל האָבן דאָרט געזען גאָט אויף אַ הויכן שטול און די חיות-הקודש מיט די פֿיר פֿליגלען און די שׂרפֿים מיט די זעקס פֿליגלען, און איך האָב אין ברומעניש פֿון געמיט אויסגערופֿן הויך אויפֿן קול:

— שומר מה מלילה! (וועכטער, וואָס איז פֿון דער נאַכט).

און איך האָב פֿאַרן טיפֿן, שטילן, אויסגעשטערנטן הימל, ווי מײַן קוזען, ביטער זיך צעכליפּעט.

---

צום גרויס באַדויערן האָט דער חשובֿער מחבר געמוזט איבעררײַסן זײַנע זכרונות און איז פֿאַרבליבן נאָך בײַ זײַנע קינדער-יאָרן, ניט באַרירנדיק זײַנע ערשטע רעוואָלוציאָנערע טריט אין מינסק, ווילנע וכדומה, ווי ער האָט תּחילת געהאַט בדעה. רעדאַקציע

# זכרונות

(1880 — 1873)

## פֿון גריגאָרי גורעוויטש (גרשון באַדאַנעס)

די זכרונות פֿון גריגאָרי גורעוויטש, וואָס מיר דרוקן דאָ, האָבן מיר געפֿונען אין כּתבֿ־יד צווישן זײַנע פּאַפּירן נאָכן טויט. זיי זײַנען געשריבן געוואָרן אין יִ ד י ש, קאָנטיק שוין נאָך דער רעוואָלוציע, בעת ער האָט געלעבט אין פּאַריז, און זײַנען געווען באַשטימט פֿאַר די יִדישע צײַטונגען אין אַמעריקע (אויבן שער פֿון מאַנוסקריפּט שטייט: „זכרונות פֿאַר אַמעריקאַנער צײַטשריפֿטן״). דער מחבר האָט זיי געחתמעט אויך מיט זײַן ליטעראַרישן פּסעוודאָנים, אונטער וועלכן ער האָט נאָך אין 1884 געדרוקט זײַנע ערשטע אַרטיקלען איז זשורנאַל „וואָסכאָד״ Записки отщепенца, וואָס טראָגן אויך אַן אויטאָביאָגראַפֿישן כאַראַקטער, הגם קיין נעמען ווערן דאָרט ניט אָנגעגעבן.

ג. גורעוויטש האָט ניט איין מאָל געדרוקט אין רוסיש קאַפּיטלעך זכרונות, דער עיקר וועגן דער בערלינער רוסיש־יִדישער קאָלאָניע אין די 70ער יאָרן און דעם בערלינער פּראָצעס פֿון די „ניהיליסטן״ אין 1879[1] און אויך וועגן דער עמיגראַנטישער קאָלאָניע אין ציריך אין די יאָרן 1880 — 1881.[2] איייניקע קורצע זכרונות וועגן בערלין און וועגן לייזער צוקערמאַנען האָט ער שפּעטער אויך אָפּגעדרוקט אין יִדיש אין „רויטן פּנקס״.[3] די זכרונות, וואָס מיר דרוקן דאָ, זײַנען ניט דער ערך אויספֿירלעכערע, ווי די פֿריער געדרוקטע, און נעמען אַרום אַ פֿיל ברייטערע תּקופֿה. ג. גורעוויטש איז באַקאַנט ווי אַ גוטער מעמואַריסט, וואָס מאַכט זעלטן טעותן. דער ווערט פֿון זײַנע איצטיקע זכרונות באַשטייט נאָך אין דעם, וואָס פֿון די רעוואָלוציאָנערע טוער אין די 70 ע ר י אָ ר ן, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו די ערשטע פּרווון

פֿון אַרבעט צ ו ו י ש ן י ִ ד ן, לעבט שוין קיינער ניט: סוף 1936 איז אין ניו־יאָרק געשטאָרבן גורעוויטשעס יוגנט־פֿרײַנד, ד״ר משה אַראָנסאָן; אפֿשר לעבט נאָך אין סאָוועט־רוסלאַנד כאַסיע שור.

די זכרונות פֿון גורעוויטשן נעמען אַרום די יאָרן פֿון די ערשטע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין קיעוו 1873 — 1874 (ספּעציעל אַקסעלראָדס קרײַזל), זײַנע באַגעגענישן אין ווין אין 1874, די דעמאָלטיקע יִדיש־רוסישע קאָלאָניע אין בערלין און זײַנע באַגעגענישן מיט די פֿירער פֿון די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין 1882 אין ציריך. לײדער האָט זיך דער מחבר אין דעם לעצטן קאַפּיטל ניט אָפּגעשטעלט אויף דער רוסיש־יִדישער עמיגראַנטישער קאָלאָניע אינעם זעלביקן ציריך, אויף די דאָרטיקע פּרוּוון פֿון יִדישער אַרבעט און דער שטימונג צווישן די יִדיש־רוסישע רעוואָלוציאָנערן. עס איז אויך צו באַדויערן, וואָס דער קאַפּיטל וועגן בערלין ווערט אין זײַנע זכרונות

---

1 ג. [גורעוויטש] אין Былое 1907, נו׳ 9, און דער עיקר אין Евр. Старина ב׳ 10 (1918).

2 אין ז״ב Еврейская Летопись ב׳ 4 (לענינגראַד 1926): „צווישן די רעוואָלוציאָנערן אין ציריך״.

„רויטער פּנקס״ ב׳ 2 (וואַרשע 1924).



שאַרל (חנן) ראַפּאָפּאָרט



גריגאָרי גורעוויטש
(אין די יונגע יאָרן)



רעדאַקציע פֿון אַ געשריבענעם יוגנט־זשורנאַל „הפּרחים" אין העבר' און ייִדיש, אין מאָהילעוו מיטן די 60ער יאָרן, וווּ ס'האָט זיך באַטײליקט אויך לײזער צוקערמאַן:
גריגאָרי גורעוויטש (זיצט דער ערשטער לינקס), דער רבי יעקבֿ דער ראָסיינער (זיצט אין מיטן), אַלעקסאַנדער גורעוויטש (זיצט רעכטס), יעקבֿ האַרקאַווי (שטייט רעכטס), דוד גורעוויטש (שטייט אין מיטן), מרדכי כאַמיצער (שטייט לינקס) — שפּעטער פּילאָלאָג און קאָרעקטאָר־פּאָליגלאָט אין לײפּציק (זע אַרט' פֿון גר. גורעוויטש אין „רויטן פּנקס", ב' 2 (וואַרשע 1924, ז' 114).

איבערגעריסן אין מיטן — גראַד דאָרטן, ווו ער קומט צו צו דעם מאָמענט, ווען ליבערמאַן האָט דאָ געגרינדעט די ייִדישע סאָציאַליסטישע גרופּע. דער דאָזיקער קאַפּיטל געשיכטע איז נאָך אין אַ סך פּרטים ניט אויסגעפאָרשט; מער באַקאַנט איז די געשיכטע פון דעם בערלינער פּראָצעס, וועגן וועלכן עס זײַנען לעצטנס געפונען געוואָרן נײַע אויספירלעכע ידיעות, דער עיקר פון אַרכיוו-מקורים.

אין זײַנע זכרונות איז פאַראַן נאָך אַ קאַפּיטל „מעשה הארטמאַן אין פּאַריז“, ווו עס ווערט אויספירלעך דערציילט וועגן דעם אַרעסט אין פּאַריז אין 1880 פון לעוו האַרטמאַן, דעם פּאָרשטייער פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ אין אויסלאַנד, וועגן דעם קאַמף, וואָס האָט זיך געפירט אַרום דער פראַגע פון זײַן אויסליווערונג צו רוסלאַנד, וועגן דער דעפּוטאַציע פון רוסישע פּאָליטישע עמיגראַנטן, בראש מיט לאַווראָוון, צו גאַמבעטאַ, אין וועלכער גורעוויטש האָט זיך אויך באַטייליקט, וכדומה. פאַר אונדזער זאַמלבוך איז די דאָזיקע טעמע אַ זײַטיקע, און מיר האָבן דעריבער דעם קאַפּיטל אויסגעלאָזן.

נאָכן טעקסט פון די זכרונות גיבן מיר צו זיי אויספירלעכע באַמערקונגען און דערקלערונגען און צום סוף אויך אייניקע ידיעות וועגן דעם מחבר, לויט זײַנער אַן אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ און אייניקע אַנדערע מקורים.

דעם סטיל פון די זכרונות האָבן מיר אין אַלגעמיין איבערגעלאָזט אַזוי, ווי בײַ דעם מחבר, און נאָר געענדערט די ריין דײַטשע אויסדרוקן און רוסיציזמען.

א. טשעריקאָווער.

# I
# אין קיעוו

די זיבן יאָר — פון 1873 ביז 1880 — איז געווען די עפּאָכע פון דער פּראָדוקטיוו-סטער ליטעראַרישער און רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון אַהרן ליבערמאַן. אַרום 1875 האָב איך זיך באַקאַנט מיט אים און אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין רעוואָלוציאָנערע ענינים. אויב איך זאָל דאָ באַשרײַבן, וואָס איך האָב צו זאָגן פון מײַן אייגענער פּערזענלעכער ערפאַרונג וועגן די דאָזיקע יאָרן, קומט מיר פאָר, ווי איך וואָלט געגבן פון אַ פיש דעם מיטלשטיק און דעם קאָפּשטיק אָוועקוואַרפן.

כדי צו פאַרשטיין דאָס, וואָס איז געווען אין 1873, מוז מען געבן אַ קורצע איבער-זיכט פון דעם, וואָס איז געווען מיט אייניקע יאָרן פאַר דעם. אין דעם לעבן פון איט-לעכן אינטעליגענטן מענטשן, באַזונדערס בײַ רעוואָלוציאָנערן, איז אין יעדן פּעריאָד פון לעבן און טעטיקייט פאַראַן אַ געוויסע פּערזענלעכקייט, וואָס קאָנצענטרירט אין זיך די כאַראַקטער-שטריכן פון דעם גאַנצן פּעריאָד און פון דער גאַנצער סביבה אין זײַן צײַט; אָט די פּערזאָן איז דער הויפּטטיפּ, דער אידעאַלסטער אויסדרוק. אין מײַן אייגענעם לעבן און אין דעם לעבן פון מײַנע פרײַנד, מײַן חברותא („קרוזשאָק“), איז די עפּאָכע ביז 1873 סימבאָליזירט דורך דער פיגור פון פנחס (פּאַוועל) אַקסעל-ראָד; ער איז געווען פאַר אונדז דאָס, וואָס אין דער רוסישער שפּראַך רופט מען „באַהערשער פון די געדאַנקען“. פון 1873 אָן איז אונדזער פּאָליטיש און גײַסטיק לעבן געווען באַהערשט דורך נאָך צוויי פּערזאָנען: אַהרן זונדעלעוויטש און אַהרן ליבערמאַן, און שפּעטער אין פּאַריז אויך פון ס. קלאַטשקאָ.[1]

איז וואָס זשע געדענקט זיך מיר פון 1873? אונדזער חבֿרותא איז געווען דעמאָלט אין קיעוו. דאָס זײַנען געווען אַלע יוגנטפרײַנד פון איין שטאָט, פון מאָהילעוו אויפן דניעפּער. זיי האָבן געבילדעט דעם קערן פון אונדזער חבֿרה אין קיעוו בראש מיט פּ. אַקסעלראָדן, די צוויי לעווענטאַלס — לייזער און נחמן — און מיר. צו דעם דאָזיקן קערן זײַנען צוגעקומען אין קיעוו די קיעווער שמעון (סעמיאָן) לוריע און

די טעכטער פֿון ד״ר קאַמינער — נאַדיע און אויגוסטינע. שפּעטער זײַנען צוגעקומען נאָך צוויי עלטערע סטודענטן פֿון מעדיצין, רוסן — איוואַן ראַשעווסקי[2] און וולאַדימיר עממע,[3] דער ערשטער אַ טשערניגאָווער, דער צווייטער אַ פּעטערבורגער, פֿון דער „וואָיענאָ-מעדיצינסקאָי אַקאַדעמיע״,[4] וואָס מ׳האָט זיי אַרויסגעטריבן פֿון פּעטערבורג פֿאַרן אָנטייל אין סטודענטישע אומרוען. מיר, די מאָהילעווער, צוזאַמען מיט די רוסן ראַשעווסקי און עממע, האָבן געוווינט אין אַ מין „קאָמונע״, אויף דער גרויס-וואַסילקאָווער גאַס. די קיעווער פֿון אונדזער חבֿרה — לוריע, די שוועסטער קאַמינער, די יונגע דאָראַ שוואַרצמאַן (לוריעס כּלה) — האָבן געוווינט בײַ זייערע עלטערן אַלע אויפֿן פּאָדאָל, ד״ה אין דער ייִדישער גאַס. אָבער אַלע די אָנגערופֿענע פֿלעגן זיך אָפֿט און כּמעט שטענדיק צונויפֿקומען אויף אונדזער קוואַרטיר.

די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג פֿון דער דאָזיקער חבֿרה האָט זיך אָנגעהויבן אין די בעסטע פֿאַרהעלטענישן פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע און אַגיטאַציע. אין קיעווער אוניווערסיטעט, וווּ מיר זײַנען אַלע געווען אײַנגעשריבן (אַקסעלראָד אַלס יוריסט, די לעווענטאַלס אַלס מעדיצינער, איך אין אָנהייב אַלס יוריסט און שפּעטער אַלס מעדיצינער — פֿרײַער צוהערער), איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג. עס פֿלעגן זייער אָפֿט פֿאָרקומען מיטינגען, מען האָט דעבאַטירט סאָציאַלע פֿראַגן, עס האָבן זיך געבילדעט פּאַרטייען. איך געדענק, אַז צווישן די רעדנער און פֿירער האָבן זיך דעמאָלט אויסגעצייכנט: אונדזער מאָהילעווער לאַנדסמאַן סודזילאָווסקי, דער שפּעטערדיקער ד״ר רוסעל, וואָס איז געוואָרן פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק האַיִטי,[5] און קאַבליץ מיטן ליטעראַרישן פּסעוודאָנים „יוזלין״, דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פֿון זשורנאַל „ניעדיעליאַ״ און גרינדער פֿון דער פּאַרטיי „נאַראָדניק״.[6] מען האָט פֿרײַ דיסקוטירט און אַגיטירט, די פּאָליציי און די „נאַטשאַלסטוואָ״ האָט פֿון קיין זאַך ניט געוווּסט און גאָרנישט ניט געטאָן קעגן אונדז. אין אונדזער „קאָמונע״ פֿלעגן זיך צונויפֿקומען פֿיל מענטשן, מען פֿלעגט לייענען רעפֿעראַטן און דיסקוטירן. איך געדענק אַ גרויסן רעפֿעראַט פֿון וולאַדימיר עממע וועגן דער וויסנשאַפֿטלעכער באַרעכענונג פֿון דער ענערגיע און קראַפֿט, וואָס איז נייטיק פֿאַר פֿיזישער אַרבעט, אַ וויסנשאַפֿטלעכע אָפּהאַנדלונג, געגרינדעט אויף פֿיל מאַטעריאַל פֿון אַנטראָפּאָלאָגיע, פֿיזיאָלאָגיע און נאַטור-וויסנשאַפֿט, כעמיע, פֿיזיק, באָטאַניק אאַז״וו. דאָס איז געווען אַ רעפֿעראַט גאַנץ אין דעם גײַסט פֿון פּיסאַרעוו, סעטשענאָוו און דער מאַטעריאַליסטישער ריכטונג פֿון יענער צײַט; עס וואָלט געקענט זײַן אַ גאַנץ גוטע דיסערטאַציע פֿון אַ מעדיצינער אָדער אַ נאַטור-וויסנשאַפֿטלער. די פֿאַרזאַמלונג האָט צוגעהערט די פֿאָרלעזונג מיט גרויס אַכטונג און אויפֿמערקזאַמקייט. איך האָב צוגעגרייט אַ רעפֿעראַט וועגן דער געשיכטע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן; איך האָב לאַנג שטודירט די דאָזיקע געשיכטע לויט אַ געוויסן נײַמאַן. שפּעטער האָב איך זיך געגרייט צו לייענען אַ רעפֿעראַט וועגן די רעליגיעזע און סאָציאַלע סעקטעס אין אַמעריקע און האָב דעמאָלט געלייענט אַ בוך פֿון דיקסאָן אויף דער טעמע. מײַנע שטודיען האָב איך געמאַכט לויט רוסישע ביכער אָדער לויט ווערק, וואָס זײַנען געווען איבערגעזעצט אין רוסיש פֿון ענגליש, ווײַל איך האָב דעמאָלט ניט געקענט די ענגלישע שפּראַך.

דער גרונד, פֿאַר וואָס איך האָב אַזוי שטודירט די אַמעריקאַנישע פֿראַגן, איז געווען דער, וואָס דעמאָלט האָט צווישן דער רוסישער יוגנט געהערשט די אַזוי גערופֿענע „אַמעריקאַנישע״ ריכטונג: אייניקע אינטעליגענטע רוסישע יונגעלײַט האָבן געפֿונען, אַז פֿאַר זיי האָט קיין צוועק ניט צו פֿאַרבלײַבן אין רוסלאַנד, ווײַל די פֿאַרהעלטענישן אין דעם לאַנד האָבן ניט געקענט באַפֿרידיקן, און געהאַלטן, אַז אַמעריקע איז דאָס פּראָגרעסיווסטע לאַנד אין דער וועלט און אַז דאָרטן קען מען „לייזן״ אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אונדז אַזוי „געמוטשעט״. מען האָט דערציילט, אַז אַ גרופּע רוסישע יונגעלײַט איז אַפֿילו אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און האָבן דאָרטן געאַרבעט ווי געוויינטלעכע

אַרבעטער. איין נאָמען פֿון דער גרופּע איז מיר פֿאַרבליבן אין זכרון — דאָס איז דער שפּעטער באַקאַנטער רוסישער שרײַבער מ אַ ט ש ט ע ט,[7] וואָס האָט געשטאַמט פֿון זשיטאָמיר. שפּעטער זײַנען טשאַיקאָווסקי און זײַן פֿרוי, ס. קלאַטשקאָ און אַנדערע אויך געווען אין אַמעריקע בײַ די סעקטאַנטן און זײַנען דעמאָלט צוריקגעקומען קיין אייראָפּע. די יוגנט האָט גערעכנט, אַז נאָך אַזאַ אַרבעט אין אַמעריקע וועט מען קענען בעסער אַגיטירן אויך אין רוסלאַנד.

מיט די דערמאָנטע וויסנשאַפֿטלעכע רעפֿעראַטן אַליין האָט זיך אונדזער שטודיום ניט באַגרענעצט. פּאַראַלעל מיט דעם וויסנשאַפֿטלעכן און טעאָרעטישן שטודיום איז אויך געגאַנגען די פּאָליטישע, דאָס מיינט די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג. פּ. אַקסעלראָד האָט דעמאָלט געפּלאַנעוועט אַ פֿאַראייניקונג פֿון אַלע סטודענטן אין אַלע הויכשולן. דער מיין פֿון דעם פּראָיעקט איז געווען אַ ריין פּאָליטישער — אַ רעוואָלוציאָנערע פֿאַראייניקונג. גלײַכצײַטיק האָט אַקסעלראָד אויך געקלערט וועגן אַ פּראָגראַם פֿון בילדונג פֿאַר יוגנט, כּדי צו שטודירן סאָציאַלע פֿראַגן און נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע. בכדי צו דערגיין צום גרונד פֿון די דאָזיקע פֿראַגן, האָט ער באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין אָדעס, ווו עס האָט דעמאָלט געלעבט דער באַרימטער רוסישער געלערנטער סעטשענאָוו.[8] די רעפּוטאַציע פֿון סעטשענאָוון איז אין די אויגן פֿון דער רוסישער יוגנט געשטאַנען זייער הויך; מען האָט געוווּסט, אַז ער איז געווען טשערנישעווסקיס אַ נאָענטער פֿרײַנד, און מען האָט געזאָגט, אַז פֿון אים האָט טשערנישעווסקי באַשריבן זײַן העלד פֿון „טשטאָ דיעלאַט”.[9]

מען האָט דעמאָלט בכלל זייער פֿיל זיך אינטערעסירט מיט פּראָגראַמעס פֿון שטודירן (זעלבסטבילדונג). עס איז געווען איין פּראָגראַם פֿון ל אַ וו ר אָ וו ן[10] וועגן אַלע וויסנשאַפֿטן, וואָס מען דאַרף קענען כּדי צו ווערן אַן אמתער סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער; דאָס איז געווען אַ לאַנגע רשימה פֿון ביכער און ווערק, וואָס האָט געקענט סטײַען אויף עטלעכע יאָר. אָבער ב אַ ק ו נ י ן[11] האָט חוזק געמאַכט פֿון לאַווראָווס פּראָגראַם; ער האָט געזאָגט, אַז כּדי צו זײַן אַ רעוואָלוציאָנער, דאַרף מען גאָר ניט שטודירן קיין פֿינף יאָר, עס איז גענוג, אַז מען לייענט דורך אַ פּאָר בראָשורן; די הויפּטזאַך איז צו האָבן אַ רעוואָלוציאָנערן ג ע פֿ י ל, מוט און ענערגיע, און אַז מען דאַרף וואָס מער בונטעווען זיך און צעשטערן די אַלטע פֿאַרפֿוילטע אָרדענונג פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט. אין דער אייגענער צײַט האָבן מיר שטודירט אויך די ווערק פֿון קאַרל מאַרקס — דעם „קאַפּיטאַל”, דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט” און די אַנדערע שריפֿטן.

פֿון פּעטערבורג און פֿון אויסלאַנד (שווייץ) האָט מען אונדז רעגולער צוגעשיקט פֿאַרבאָטענע ביכער, וואָס מיר פֿלעגן אַליין לייענען און זוכן געבן אַנדערע צו לייענען. מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ רעגלמאָסיקן באַזוך פֿון אַרבעטער, באַזונדערס פֿון „אַרטעלן”— רוסישע און מאַלאָרוסישע [אוקראַיִנישע]. אַזוי, למשל, בין איך אַוועק צו אַן „אַרטעל” פֿון פּלאָטניקעס* פֿון קאַלוגע און האָב מיט זיי געלייענט ביכער און בראָשורן וועגן געשיכטע און געאָגראַפֿיע. נאַטירלעך האָב איך דערבײַ באַנוצט די געלעגנהײַט צו רעדן וועגן פֿרײַהייט און רעוואָלוציע. אין געוויסע טעג פֿלעגן זיך צונויפֿקומען אַלע, וואָס זײַנען געווען אין דער גרופּע לערער און אַגיטאַטאָרן צווישן די אַרבעטער, און אָפּגעבן אַ חשבון וועגן דעם, וואָס זיי האָבן אויפֿגעטאָן. איך דערמאָן זיך, אַז איין מאָל האָט אויף אַזאַ אסיפֿה עמעצער זיך אויף מיר געקלאָגט... אַז איך פֿיר זיך אויף צו אַריסטאָקראַטיש מיטן פּראָסטן עולם און באַהאַנדל זיי ווי אַ באַרין [פּריץ] באַהאַנדלט מוזשיקעס (איך געדענק, אַז דאָס איז ניט געווען קיין אַקטיווער רעוואָלוציאָנער און האָט געהאַט מער דעם אויסזען פֿון אַן אַקוראַטנעם פֿיליסטער); איך האָב זיך נאַטירלעך פֿאַרטיידיקט, ווי איך האָב געקענט.

---

* „אַרטעל” (רוס׳) אַן אַרבעטער-חברה, וואָס פֿאַרדינגט זיך אויף אַרבעט קאָלעקטיוו; „פּלאָטניקעס”— טשעסלערס.—ר ע ד׳.

איין מאָל אין אַ זונטאָג האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן אַ שפּאַציר מיט די אַרבעטער אויסער דער שטאָט. מיר זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אויפֿן ברעג פֿון דנעפּער, אַ מענטשן 20—30 סטודענטן און אַרבעטער, האָבן גענומען שיפֿלעך און אַריבערגעפֿאָרן אויף „טורמאַנאָוו אָסטראָוו״, אויפֿן אַנדערן ברעג טײַך. דאָרטן איז געווען אַ קליינע קרעטשמע מיט „קאַטשעלעס״ [הוידלקעס]. מיר האָבן געקויפֿט ביר און עסנוואַרג, האָבן געגעסן און געטרונקען און זיך געהוסטעוועט [געהוידעט] אויף די „קאַטשעלעס״. אַז מיר האָבן זיך אָנגעגעסן, זײַנען מיר אַוועק ווײַטער אויפֿן אינדזל, אַוועקגעזעצט זיך אויף דער ערד און מען האָט גענומען לייענען ביכלעך. איך געדענק, אַז איך האָב פֿאָרגעלעזן דאָס ווערק פֿון לאַמענע[12] Les paroles d'un croyant אין רוסיש; דער אײַנדרוק איז געווען אַ גוטער, און די אַרבעטער זײַנען געווען צופֿרידן.

וועגן דער שטימונג אין אונדזער קרײַזל דעמאָלט געדענק איך אַ פֿאַקט, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יענער צײַט. אין אונדזער „קאָמונע״ אויף גרויס-וואַסיל-קאָווער גאַס האָבן געוווינט אויך צוויי רוסישע סטודענטן; איינער פֿון זיי, דער אויבן דערמאָנטער איוואַן ראַשעווסקי, האָט אַמאָל אין אַ דעבאַטע וועגן אונדזערע פּרינציפּן געזאָגט מיט גרויס פֿײַער: „מיר מוזן געבן אַ שבֿועה, אַז קיין מאָל אין אונדזער לעבן וועלן מיר ניט ציִען (קיין נוצן) פֿון פּרנסה, וואָס האָט אַ שײַכות צו בערזע און צו ספּעקולאַציע מיט סחורה אָדער בערזע-פּאַפּירן!״... צו יענער צייט איז געקומען צו אונדז קיין קיִעוו פֿון פּעטערבורג אַ מיטגליד פֿון דער חברה „טשאַיקאָווצעס״ טשאַרושין;[13] ער האָט אונדז געבראַכט אַ פּאַק מיט ביכער, וואָס דאָס דאַזיקע קרײַזל פֿלעגט דעמאָלט פֿאַרשפּרייטן; דאָס זײַנען געווען די אויסגאַבעס פֿון פּאָליאַקאָוו-לאַסאַל, פֿלעראָווסקי, מיכאַילאָווס „די אַרבעטער-פֿאַראייניגן אין פֿראַנקרײַך״, ענגעלס און אויך „קאַפּיטאַל״ פֿון מאַרקסן.[14] טשאַרושין, אַ טיפּישער אינטעליגענט פֿון יענער תּקופֿה, האָט אויף אונדז געמאַכט אַ טיפֿן אײַנדרוק. מיט זײַן איינפֿאַכקייט, קאַלטבלוטיקייט און גוטסקייט, מיט זײַן גרייטקייט צו זײַן אַ קרבן און צו אָפּערן געזונט און לעבן (פֿאַרן אידעאַל), מיט זײַן ליבע צום פֿאָלק האָט ער אין אונדז געוועקט די בעסטע געפֿילן...

פֿון די אַנדערע „טשאַיקאָווצעס״, וואָס זײַנען געקומען קיין קיִעוו, געדענק איך איינעם אָכרעמענקאָ, אַ סטודענט פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע („פּעטראָווסקאָ-ראַזומאָווסקאַיאַ״) אין מאָסקווע. זומער-צײַט האָט ער געוווינט אין אַ דאָרף בײַ דער שטאָט באַר, פּאָדאָליער גוב׳; ער איז געווען דאָרט, אויב איך האָב קיין טעות ניט, אַ לערער אין אַ שול, אָדער אפֿשר איז זײַן שוועסטער געווען דאָרט אַ לערערין. אָט צו דעם אָכרעמענקאָ האָט מען געדאַרפֿט צושטעלן עפּעס אַ וויכטיקן בריוו אָדער עס איז געווען אַן אַנדער באַשטעלונג, איך געדענק שוין ניט וואָס; מען האָט געהאַלטן, אַז איך מוז גלײַך אַהין פֿאָרן און די נסיעה דאַרף זײַן אין גרויס קאָנספּיראַציע. איך האָב זיך צו דער נסיעה צוגעגרייט, געקראָגן אַ לאַנגע זשופּעצע פֿון אַ ייִדן, אָנגעטאָן אַ היטל מיט אַ „קאָזיראָק״ [אַ דאַשעקן], ווי עס טראָגן פּראָסטע ייִדן, און צוגעקעמט פּאות בײַ די אויערן. קיין באַר בין איך געקומען מיט דער באַן און פֿון דאָרטן צוגעפֿאָרן מיט אַ פּויער אויף זײַן פֿור. אָטאָ דעם פּויער האָב איך געהאַלטן פֿאַר פּאַסיק צו „פּראָפּאַגאַנדירן״. דאָס איז געווען אַן אַלטער „מאַלאָראָס״, אַ רויִקער און שטילער פּויער, וואָס האָט דערצו שלעכט געהערט און האָט בכלל ניט פֿאַרשטאַנען וואָס איך האָב גערעדט מיט אים און וואָס איך וויל פֿון אים... איך האָב דעם פּויער אַלץ דערציילט וועגן פֿרײַע לענדער און פֿעלקער, אין אייראָפּע און אין אַמעריקע, אָבער ער האָט אויף מיר געקוקט, ווי אַ האָן אין בני-אדם און האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט. לסוף זײַנען מיר אָנגעקומען אין דאָרף צו אָכרעמענקאָ. ער האָט געלעבט אין אַ ריין ציכטיק הײַזל, אַליין איז ער געווען אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן, זײַן שוועסטער זייער אַ שיין מיידל. פֿון דער נסיעה איז אין מײַן זכּרון פֿאַרבליבן געוויאָנדזלטע חזיר-פֿעטס („סאַלאָ״), וואָס איך האָב געגעסן צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן, און מיט גרויס געשמאַק...

אָרום יענער צײַט האָט שמעון (סעמיאָן) לוריע,[15] אַ חבֿר פֿון אונדזער קרײַזל, באַשלאָסן צו פֿאָרן אין דער שווייץ. ער האָט געליטן אויף דער ברוסט (שפּעטער איז ער טאַקע יונג געשטאָרבן פֿון טובערקולאָז). מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ער מוז זיך אומבאַדינגט דאָרטן זען מיט באַקונינען, וואָס האָט געוווינט אין דער שווייץ און דעמאָלט געפֿירט שאַרפֿע וויכּוחים מיט לאַווראָוון. אונדזער קרײַזל האָט באַשלאָסן צו שיקן באַקונינען דורך לוריען אַן אַדרעס. דעם אַדרעס האָבן מיר געלאָזט אויפֿשרײַבן קאָנספּיראַטיוו אויף אַ קליין שטיקל פּאַרמעט, מיט גאָר קלייניטשקע אותיות, און דאָס האָט זיך גענומען אויפֿשרײַבן נחמן לעווענטאַל, וואָס האָט געהאַט פֿעיִקייטן צו צייכענען און צו שרײַבן קאַליגראַפֿיש. אויף אַ קליין שטיקל פּאַרמעט, די גרייס פֿון אַ פּאָסטמאַרקע, האָט ער אויפֿגעשריבן אַ גאַנצן אַדרעס, און מיר האָבן דעם שטיקל פּאַרמעט אײַנגענייט ש. לוריען אין שטיוול...

ווי לוריע האָט אונדז שפּעטער דערציילט, איז זײַן וויזיט בײַ באַקונינען פֿאָרגעקומען אויף אַ קוריאָזן אופֿן. איך געדענק שוין ניט, צי דאָס איז געווען אין בערן אָדער ערגעץ אַנדערש, דוכט מיר, אַז אין לאָקאַרנאָ. בעת לוריע איז אַרײַנגעקומען אין זײַן וווינונג, האָט ער דערהערט, ווי אין דעם אַנדער צימער פּלושקעט זיך עמעצער אין וואַסער. שטייט ער און וואַרט, און פֿונעם אַנדער צימער הערט זיך אַ קול: „קטאָ טאַם?" [ווער איז דאָרט?] – ענטפֿערט ער: „סטודענט איז קיעוואַ" [אַ סטודענט פֿון קיעוו]. –„נו, סאַדיטיעס" [נו, זעצט זיך צו], זאָגט באַקונין. באַלד איז ער אַרויסגעקומען אין אונטערוועש און אָנגעהויבן זיך אָנטון פֿאַר אים אין די אויגן און דערבײַ גערעדט מיט אים. דער זינען פֿון זײַנע דיבורים איז געווען נאָר איינער: „בונטעוועט מיט אַלע כּוחות, מיט פֿײַער, מיט האַרץ, און צעשטערט וואָס מער איר קענט!"... לוריע האָט אונדז אויך דערציילט וועגן די אַלע אויפֿגערעגטע וויכּוחים, וואָס זײַנען אָנגעגאַנגען צווישן דער מחנה לאַווראָוו און מחנה באַקונין. נאַטירלעך, האָבן שטאַרק געלאַרעמט און זיך אויפֿגערעגט די דאַמען; די גרעסטע צאָל זייערע איז געווען אויפֿן צד פֿון באַקונינען.

איין מאָל, געדענק איך, איז געקומען קיין קיעוו אַ געוויסער פּאָדאָלינסקי,[16] אַ יונגער פּאָמעשטשיק. ער האָט געבראַכט מיט זיך אויסלענדישע אויסגאַבעס און באַזונדערס די שריפֿטן פֿון דראַגאָמאַנאָוון און דעם ערשטן באַנד פֿון לאַווראָווס „ווּפּעריאָד".[17] מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם בוך, ווי מ'וואַרפֿט זיך אויף זיסע זאַכן; איך געדענק נאָך גוט די אײַנלייטונג און די אַנדערע אַרטיקלען פֿון דעם באַנד „ווּפּעריאָד"... פּאָדאָלינסקי, אַ פֿײַנער יונג, אַ טיפּישער מאַלאָראָס [אוקראַיִנער], מיט אַ מעלאַנכאָלישן אויסדרוק אין די אויגן, האָט אונדז אויך דערציילט וועגן דער נײַער סעקטע „שטונדיסטן", וואָס איז דעמאָלט ערשט אויפֿגעקומען אינעם דאָרף פּלעטעני טאַשליק אין כערסאָנער גובערניע.[18] פֿון פּעטערבורג איז צו אונדז אויך אַראָפּגעקומען איינער דאַנענבערג,[19] אַ סטודענט פֿון דער מעדיקאָ-כירורגישער אַקאַדעמיע. דעמאָלט זײַנען געווען אין מאָדע די זונטאָגשולן („וואָסקרעסניאַ שקאָלי") אין פּעטערבורג און מאָסקווע (ווו מען פֿלעגט לערנען מיטן פּשוטן עולם גראַמאָטע). דאַנענבערג האָט אַנטדעקט דעם קלאַנגמעטאָד בײַם לערנען דעם אַלף-בית און האָט געהאַלטן אין אונדזער קוואַרטיר אויף וואַסילקאָווער גאַס אַ פֿאָרטראַג וועגן דער מעטאָדע. מיר האָבן צונויפֿגערופֿן אַ גרויסן עולם פֿון אונדזערע קרובֿים און באַקאַנטע, אַפֿילו ניט קיין סאָציאַליסטן. דער פֿאָרטראַג און דער רעפֿערענט אַליין, אַ פֿײַנער יונג, איז דעם עולם זייער געפֿעלן געוואָרן. פֿון דעמאָלט אָן האָבן מיר אין אונדזערע „אַרטעלן", ווו מיר האָבן געלערנט מיט די אַרבעטער (לייענען און שרײַבן רוסיש), אָנגעהויבן צו באַנוצן די דאָזיקע קלאַנג-מעטאָדע.

די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען זײַנען געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און צו אונדזער גרופּע זײַנען צוגעשטאַנען אַלץ מער נײַע פּערזאָנען. פֿון די צוגעשטאַנענע געדענק איך איינעם אָרלאָוו, אַ געוועזענעם סעמינאַריסט,[20] דעם סטודענט פֿישער,[21] אַ פֿרײַלין שירמער[22] און אויך אַ יונגע פּאָמעשטשיצע [לאַנדבאַזיצערין]

קאַטיאַ ברעשקאָווסקאַיאַ[23] — דאָס איז די שפּעטערדיקע „באָבע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע״. זיי פֿלעגן קומען צו אונדז, און מיר פֿלעגן דעבאַטירן וועגן דעם, וואָס דאַרפֿן מיר טאָן. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מען דאַרף אָוועקוואַרפֿן שטודירן אין די אוניווערסיטעטן און „גיין אין פֿאָלק״ („וו נאַראָד״). און כּך הווה. די צוויי ברידער לעווענטאַל, לייזער און נחמן, האָבן זיך אָנגעטאָן פּראָסט, אין העמדלעך מיט אַ רימען און זײַנען געוואָרן „באָנדאַרעס״. זיי פֿלעגן גיין אין די הויפֿן און שרײַען: „באָנדאַר נאַדאָ?״ געווען זײַנען די צוויי ברידער לעווענטאַל זייער פֿעיִקע, און מען האָט געקענט דערוואַרטן, אַז פֿון זיי וועלן אַרויסקומען גוטע וויסנשאַפֿטלער. דער עלטערער, לייזער, איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מאַטעמאַטיקער און האָט געהאַט אַ באַזונדער נייגונג צו אַסטראָנאָמיע; דער צווייטער, נחמן, האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין נאַטור-וויסנשאַפֿט. דער סוף פֿון זיי איז געווען, אַז לייזער איז נעבעך [שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר] באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין בערלין, און נחמן איז געוואָרן אַ באַקאַנטער געלערנטער, פּראָפֿעסאָר פֿון היסטאָלאָגיע אין לאָזאַן, שווייץ. אויסער די צוויי ברידער לעווענטאַל זײַנען אויך פֿישער און ברעשקאָווסקאַיאַ אַוועק וווינען אין דאָרף צווישן די פּויערים.

די שטימונג בײַ אַקסעלראָדן איז אין יענער צײַט געווען זייער אַ געהויבענע. מען דאַרף דערוואַרטן, — פֿלעגט ער זאָגן, — אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וועט פֿאָרקומען אין 3—4 חדשים אַרום, און מיר דאַרפֿן זיך גרייטן צו דער געשעעניש, און טאַקע באַלד, ווײַל מען טאָר ניט פֿאַרלירן קיין צײַט אומזיסט... אַזוי פּשוט האָט מען דעמאָלט געקוקט אויף דער רוסישער רעוואָלוציע.

אין 3—4 חדשים אַרום איז טאַקע געקומען אַ סוף צו אונדזער צושטאַנד, אָבער געקומען איז ניט קיין רעוואָלוציע, נאָר — אַרעסטן און אָביסקן. די מעשה איז אַזוי געווען. אונדזער חבֿר פֿישער, וואָס האָט אַגיטירט ערגעץ אין אַ דאָרף, אין קיִעווער אָדער טשערניגאָווער גובערניע, איז באַמערקט געוואָרן פֿון דער פּאָליציי און מען האָט אים אַרעסטירט; בײַם אָביסק האָט מען בײַ אים געפֿונען דעם אַדרעס פֿון ס. לוריע, וואָס איז געווען דער סעקרעטאַר פֿון אונדזער גרופּע. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז מען האָט באַלד געמאַכט אַ הויזזוכונג בײַ לוריען און געפֿונען די רשימה פֿון אַלע חבֿרים און זייערע אַדרעסן. מען האָט אים אַרעסטירט און אָנגעהויבן צו זוכן אַלע אונדזערע חבֿרים, און מיר זײַנען זיך אַלע באַלד צעלאָפֿן פֿון קיִעוו. איך בין דער ערשטער אַוועקגעפֿאָרן. נעמען אַן אויסלענדישן פּאַס האָב איך מורא געהאַט און בין אַוועקגעפֿאָרן גאָר אָן אַ פּאַס קיין וואַרשע. אין וואַרשע האָב איך זיך געטראָפֿן מיט מײַן ברודער דוד, וואָס האָט זיך דעמאָלט געגעט מיט זײַן פֿרוי. גראָד האָט ער געהאַט אַן אויסלענדישן פּאַס, ווײַל ער האָט זיך געקליבן קיין ווין אויף דער וועלט-אויסשטעלונג פֿון 1873, אָבער צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן בײַם גטן זיך און וואָס פֿון זײַן פֿרוי איז אים פֿאַרבליבן אַ קינד, האָט עס אים געשטערט צו פֿאָרן, און ער האָט מיר גערן אָפּגעגעבן זײַן אויסלענדישן פּאַס. אַזוי בין איך אַוועקגעפֿאָרן און געלעבט אין ווין אונטערן נאָמען דוד גורעוויטש. איך בעט דאָס דעם לעזער צו געדענקען, ווײַל ווײַטער וועט מיר אויסקומען אָפּשטעלן זיך אויף דעם פֿאַקט [25]

## II
## אין ווין

אין אָקטאָבער 1873 בין איך געקומען קיין ווין און האָב דאָרטן געזען די גרויסע וועלט-אויסשטעלונג, און עס איז טאַקע געווען וואָס צו זען. אָבער דאָ בין איך אויסן ניט צו דערציילן וועגן ווין און דער אויסשטעלונג, נאָר וועגן מײַנע פּאָליטישע אײַנדרוקן און אַרבעט. אין דעם פּרט האָב איך דאָ דערזען צום ערשטן מאָל פֿרײַע סאָציאַליסטישע פֿאַרזאַמלונגען און געהערט רעדעס פֿון סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרן און געלעזן

סאָציאַליסטישע צײַטונגען. איך האָב דאָ געהערט דעם זייער פּאָפּולערן ווינער רעדנער און אַגיטאַטאָר אַנדרעאַס שעי (Andreas Scheu). דאָס איז געווען אַ שיינער און קרעפּטיקער יונגערמאַן, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, אַ וויצלער, אַלע מאָל פֿריילעך, מוטיק און ענערגיש. דער אַרבעטער-עולם האָט אים זייער ליב געהאַט און זייער אויפֿמערקזאַם צוגעהערט. אויף די פֿאַרזאַמלונגען האָב איך אָנגעטראָפֿן רוסישע סטודענטקעס, וואָס האָבן שטודירט אין ווין און וואָס האָבן ניט פֿײַנט געהאַט צו הערן און צו זען דעם שיינעם יונגן אַגיטאַטאָר. דאָס זײַנען געווען: ראַשעווסקי, די פֿרוי פֿון דעם סטודענט, וואָס האָט געוווינט אין אונדזער גרופּע אין קיעוו — דער אייגענער, וואָס האָט געפֿאָדערט פֿון אונדז די שבֿועה, אירע אַ שוועסטער קאָנסטאַנטינאָוויטש, אַ יונגע און שיינע, אויך דאָראַ פֿאַמיליאַנט פֿון סימפּעראָפּאָל, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די פֿרוי פֿון דעם פֿרי פֿאַרשטאָרבענעם פּראָפֿעסאָר און אַקאַדעמיקער אָווסיאַניקאָ-קוליקאָווסקי. איך בין געווען אַ שטענדיקער באַזוכער פֿון שעיס פֿאַרזאַמלונגען און פֿלעג זיך אָפֿט טרעפֿן דאָרטן מיט די רוסישע סטודענטקעס. אַנדרעאַס שעי האָט געהאַט עפּעס סיכסוכים מיט אַ געוויסן אָבערווינדער, וואָס איז אויך געווען אַ פּאָפּולערער אַגיטאַטאָר, אָבער אַ סך אַ מעסיקערער ווי שעי און ניט אַזוי געטרײַ דער אײַזענאַכער פּראָגראַם און דער טעאָריע פֿון מאַרקסן. שעי האָט אויף אָבערווינדערן געשאָטן פּעך און שוועבל, און עס איז אַפֿילו געקומען צו אַ פּראָצעס וועגן באַליידיקונג אָדער רכילות. דער פּראָצעס איז געווען אין ווינער נײַשטאָט, וווּ שעי האָט אַרויסגעגעבן זײַן זשורנאַל „די גלײַכהייט". איך בין געווען אויף אַלע זיצונגען פֿונעם פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט עטלעכע טעג, און בין געזעסן מצד שעי קעגן אָבערווינדערן.

אין ווין האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו לעזן אַ סך פֿון דער אויסלענדישער רוסישער אומלעגאַלער ליטעראַטור און איך דערמאָן זיך דעם טיפֿן אײַנדרוק, וואָס עס האָבן אויף מיר געמאַכט די ווערק פֿון באַקונין און דער ראָמאַן „אָטשטשעפּענצי" פֿון סאָקאָלאָוון.[26] דער אײַנדרוק פֿון דעם לעצטן בוך איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אין 8–9 יאָר אַרום, בעת איך האָב שוין געהאַט אָפּגעזעסן אין טורמע אין בערלין, האָב איך אָנגעשריבן אַ ווערק און אים אַ נאָמען געגעבן „זאַפּיסקי אָטשטשעפּענצאַ", געדרוקט אין „וואָסכאָד" 1883.[27]

אין ווין זײַנען דעמאָלט ניט געווען קיין רוסישע אָדער רוסיש-יִדישע סטודענטן אויסער מיר און אויך אויסער די סטודענטקעס, וואָס איך האָב אויבן דערמאָנט. איך געדענק, אַז עס זײַנען געווען אייניקע געענדיקטע דאָקטוירים פֿון רוסלאַנד, וואָס זײַנען געקומען זיך צו ספּעציאַליזירן אין זייער פֿאַך. אַזוי האָב איך זיך באַגעגנט אין אוניווערסיטעט מיט אַ יונגן דאָקטאָר פֿון אָדעס דריזאָ, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ קינדער-דאָקטאָר. אין די אודיטאָריעס (פֿון אוניווערסיטעט) פֿלעג איך הערן אָפֿט רעדן אויף אוקראַיִניש – דאָס זײַנען געווען אוקראַיִנער פֿון גאַליציע. איך האָב זיך מיט זיי פֿונאַנדערגערעדט, און זיי האָבן מיך באַקאַנט מיט זייער פֿאַראיין „סיטש" [Січ], אַ דעמאָקראַטישע געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט געשטערעבט צו דער אויטאָנאָמיע פֿון מזרח-גאַליציע און האָט ניט געוואָלט זיך פֿאַרבינדן מיט די האַלב-רוסישע „מאַלאָראָסן", וואָס האָבן אויך געוואָלט אויטאָנאָמיע, אָבער וואָס זײַנען (לויט זייערע ווערטער) געווען פֿאַרבונדן מיט דער רוסישער רעגירונג און פֿון איר גענומען שטיצע, דאָס הייסט פּשוט געווען אירע אַגענטן און שפּיאָנען. איך האָב אויך באַזוכט דעם קלוב „סיטש" און איין מאָל געבראַכט זיי אַ קאָלעקציע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון קיעוו – טיפּן פֿון מאַלאָרוסישע פּויערים און פּויערטעס און געגעבן דערצו דערקלערונגען צו די בילדער. אין דעם קלוב האָב איך זיך באַקאַנט מיט איינעם טערלעצקי,[28] וואָס איז געווען אַ ביבליאָטעקאַר אין ווינער אוניווערסיטעט, און בין מיט אים באַפֿרײַנדעט געוואָרן. די געזעלשאַפֿט „סיטש" איז געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט דראַגאָמאַנאָוון.[29]

איין מאָל האָט מיך אַ סטודענט, אַ מיטגליד פֿון „סיטש“, געפֿרעגט, צי וויל איך געבן לעקציעס אין דער רוסישער שפּראַך איינעם אַ העבר (וואָס וויל לערנען רוסיש). איך האָב דערויף מסכּים געווען, און ער האָט מיך געגעבן דעם אַדרעס פֿון דעם תּלמיד. דאָס איז געווען גראַף יאָזעף פּאַלפֿי, אַן אונגאַרישער מאַגנאַט, וואָס האָט געוווינט אין דעם „פּאַלאַץ פּאַלפֿי“ אויף דער העררן-גאַס, צוויי טריט פֿונעם „בורג“, דעם פּאַלאַץ פֿונעם קייזער. דער יונגער מאַגנאַט גראַף פּאַלפֿי האָט אויך שטודירט ווי אַ גרויסער אַריסטאָ-קראַט: ער איז געווען אַ סטודענט פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע און האָט באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין אַ וויסנשאַפֿטלעכער עקספּעדיציע קיין צפֿון-סיביר, וואָס איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן פֿון צוויי באַרימטע אַקאַדעמיקער, בער פֿון דאָרפּאַט און מידענדאָרף. די עקספּעדיציע איז באַשטאַנען פֿון איייניקע רוסישע אָפֿיצערן פֿון רוס' גענעראַל-שטאַב און פֿון איייניקע אָפֿיצערן פֿון עסטרײַכישן גענעראַל-שטאַב. צו די לעצטע איז אויך צוגעשטאַנען דער גראַף, וואָס האָט געדאַרפֿט זײַן דער טאָלמעטשער פֿון רוסיש אין דײַטש; אָט צוליב דעם האָט ער עס געוואָלט לערנען בײַ מיר רוסיש. אויסער מיר (פֿאַר רוסיש) האָט ער געהאַט צוויי פּראָפֿעסאָרן, וואָס פֿלעגן קומען לערנען מיט אים פֿיזיק און מעטעאָראָלאָגיע, כּדי ער זאָל קענען מאַכן די מעטעאָראָלאָגישע אָבסער-וואַציעס. דער גראַף האָט דאָס אַלץ געדאַרפֿט שטודירן און דערבײַ האָט ער זיך נאָך פֿאַרגינט צו פֿירן אַ פֿלירט מיט דער אַקטריסע בוסקאַ פֿונעם ווינער בורג-טעאַטער. איך פֿלעג קומען אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך צום גראַף אויף לעקציעס און מוז מודה זײַן, אַז ער האָט די אויפֿגאַבן געמאַכט שלעכט און קיין גרויסע פֿאָרשריטן אין רוסיש ניט געמאַכט.

עס איז אָנגעקומען דער זומער [1874], אין אוניווערסיטעט זײַנען געווען וואַקאַציעס, און איך האָב באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין בערלין, ווּהין עס האָבן מיך געצויגן סײַ די גוטע פּראָפֿעסאָרן, סײַ די גרויסע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין דײַטשלאַנד. איך האָב געזאָגט צו מײַן תּלמיד, אַז איך פֿאָר אַוועק קיין בערלין, און צו מײַן איבערראַשונג איז ער געוואָרן זייער אומצופֿרידן. סטײַטש, פֿאַר וואָס פֿאָר איך עס קיין בערלין און פֿאַר וואָס פֿאָר איך גלאַט אַוועק? — האָט ער געזאָגט, — איך געפֿעל אים זייער, און ער איז גרייט צו טאָן מיר טובֿות: אפֿשר וויל איך אַ רעקאָמענדאַציע צום רוסישן גרויספֿירשט קאָנסטאַנטין ניקאָ-לאַיעוויטש, מיט וועמען ער איז זייער גוט באַפֿריינדעט, אָדער אפֿשר צו אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש, דעם „נאַסלעדניק“ [יורש עצר], דעם שפּעטערדיקן צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן? — איך האָב אים אָפּגעדאַנקט פֿאַר אַלע זײַנע טובֿות און האָב געזאָגט, אַז איך דאַרף ניט קיין רעקאָמענדאַציעס און אַז איך מוז נייטיק אַוועקפֿאָרן. אַז איך בין אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך אַמאָל געקומען צו אים, זאָגט מיר דער גראַף, אַז זײַן מומע, וואָס דערציט אים (ער איז געווען אַ יתום) און וואָס איז געווען אַ הויפֿדאַמע בײַ דער קייזערין עליזאַבעט, וויל זיך מיט מיר באַקענען. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס זאָל דאָס באַטײַטן, און האָב מיט פֿאַרוווּנדערונג געזען, ווי עס קומט אַרײַן אַן עלטערע גרויסע דאַמע און ווענדט זיך צו מיר: „העבר גורעוויטש, מײַן פּלימעניק איז זייער צופֿרידן מיט אײַך און האָט שבֿרי-לבֿ, פֿאַר וואָס איר פֿאָרט אַוועק פֿון ווין; אויף יעדן פֿאַל בעט איך אײַך אין מײַן נאָמען און אין נאָמען פֿון מײַן פּלימעניק, אַז איר זאָלט למען השם ניט פֿאָרן קיין בערלין; דאָס איז אַ שלעכטע שטאָט, און די פּרײַסן זײַנען אַזעלכע בייזע מענטשן“. איך בין געוואָרן גאָר צעטומלט פֿון דער גאַנצער סצענע און כּדי צו מאַכן אַ סוף, האָב איך דער גרעפֿין דערקלערט, אַז פֿון ווין מוז איך אַוועקפֿאָרן, און כּדי זיי צו באַרויִקן, וועל איך ניט פֿאָרן קיין בערלין, נאָר קיין לײַפּציג. דערמיט איז געוואָרן אַ סוף צו דער גאַנצער מעשה. איך וויל נאָר צוגעבן, אַז איך האָב זיך געסטאַרעט דעם גראַף קיין מאָל ניט אָנצורופֿן „העבר גראַף“; בײַ מיינע דעמאָקראַטישע איבערצײַגונגען איז מיר פּשוט שווער געווען צו נעמען אַזאַ אַריסטאָקראַטישן טיטל אין מויל אַרײַן...

אין ווין האָב איך זיך דעמאָלט געטראָפֿן אויך מיט צוויי רוסישע ייִדן, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען, איינער — אַ גרעסערן, דער אַנדערער — אַ קלענערן. דאָס זײַנען געווען פּרץ

סמאָלענסקין און זאַלקינד. סמאָלענסקין איז (ווי באַקאַנט) געווען דער רעדאַקטאָר פֿון „השחר" און דער מחבר פֿון „התועה בדרכי החיים". איך בין אמת קיין מאָל קיין גרויסער העבראַיִסט ניט געווען, אָבער איך האָב פֿאַרשטאַנען דעם טײַטש פֿון אַ העברעיִש וואָרט און האָב געוווסט, אַז אין סמאָלענסקינס ווערק איז דער גײַסט פֿון השכּלה און קאַמף צווישן די עלטערן און דער יוגנט געווען דורכגעפֿירט מיט גרויס טאַלאַנט. דער פּערזענלעכער אײַנדרוק, וואָס איך האָב באַקומען פֿון סמאָלענסקינען, איז געווען ניט קיין גאָר באַזונדערער; זײַן אויסזען איז געווען עפּעס פֿון אַ האַלבן אינטעליגענט, פֿון אַ מין פּריקאַזטשיק אין אַ גאַלאַנטעריי-קראָם. דערבײַ האָב איך געוווּסט, אַז ער איז אַן אייגנ-טימער פֿון אַ דרוקערײַ, אַז ער קריגט זיך מיט זײַנע זעצער און צאָלט זיי ניט גענוג. און איך האָב אים געהאַלטן פֿאַר אַן „עקספּלואַטאַטאָר"... זאַלקינד איז געווען קאָרעספּאָנ-דענט פֿון דער רוסישער צײַטונג „נאָוואָסטי" אין פּעטערבורג. ער האָט געשטאַמט פֿון די קרעמענטשוגער זאַלקינדס; אַ פֿרײַלין פֿון אָט דער משפּחה זאַלקינד און אירער אַ פֿעטער זײַנען געווען פֿאַרמישט אין פּאָליטיק און פֿאַרשיקט קיין סיביר. די פֿרײַלין זאַלקינד (איך האָב פֿאַרגעסן ווי זי הייסט מיט איר נאָמען) איז געווען אַ פֿאַרברענטע רעוואָלוציאָנערקע; איך האָב זי געקענט שפּעטער אין פּאַריז און אויך געזען אין קיִעוו אַרום דעם יאָר 1883. אָבער דער קאָרעספּאָנדענט פֿון „נאָוואָסטי" אין ווין איז געווען טאַקע ניט מער ווי אַ קאָרעספּאָנדענט.

מיך האָט שטאַרק געצויגן צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין דײַטש-לאַנד, און איך בין אַוועקגעפֿאָרן קיין בערלין.

## III

# אין בערלין

ווי נאָר איך בין אָנגעקומען אין בערלין, האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן צו די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פֿאַרזאַמלונגען, פֿאַראיינען און צו דער ליטעראַטור. דאָ איז דעמאָלט געווען זייער לעבעדיק. די „אײַזענאַכער" (בעבעל, ליבקנעכט און אַ גאַנצע גרופּע אויסגעצייכנטע אַגיטאַטאָרן און רעדנער, ווי עדואַרד בערנשטיין, מאָסט, גײַער, גראָדקוי א"אַ) און די „לאַסאַלעאַנער" (פֿריטשע, האַסעלמאַן, האַזענקלעווער, טעלקע א"אַ) האָבן זיך געריסן פֿאַר די חאָר.[30] מען האָט דיסקוטירט, מען האָט זיך געאַמפּערט, געקריגט און עס איז אַפֿילו דערגאַנגען צו געשלעגן סײַ מיט הענט סײַ מיט שטעקנס — דער „טעלקע-קניפּל"* האָט געקראָגן אַ שם.

מיט אָט דער חבֿרה האָט מיך צונויפֿגעפֿירט יואל עפֿראָן,[31] וואָס איך האָב אים שוין אָנגעטראָפֿן, בעת איך בין געקומען קיין בערלין. ער איז געווען אַ סטודענט פֿון מעדיצין און האָט געקענט אַלעמען בײַ די סאָציאַליסטן. ער האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט עדואַרד בערנשטיינען, און בערנשטיין האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין זײַן קרײַז און אין זײַן פֿאַמיליע. בערנשטיין איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ באַנקגעשעפֿט, אין אַ פֿירמע ראָטשילד (ניט פֿון די גרויסע ראָטשילדס) אויף דער בערנ-שטראַסע. אין בערנשטיינס קרײַז זײַנען געווען דער יוריסט פֿאַדינג און אייניקע קאָלעגן פֿונעם באַנקגעשעפֿט און אויך בערנשטיינס ברידער און זײַן שוואָגער יאַקאָב באַמבערגער. בערנשטיינס נאָמען איז געוואָרן באַקאַנט דורך לאַסאַלס פּאָלעמיק מיטן אַלטן בערנשטיין, דעם גרינדער פֿון דער „פֿאָלקסצײַטונג" און מחבר פֿון די פּאָפּולערע נאַטורוויסנשאַפֿט-לעכע ווערק, און דער איז געווען אַ פֿעטער פֿון עדואַרדן (זײַן פֿאָטערס ברודער).[32] בערנ-שטיינען פֿון דער „פֿאָלקסצײַטונג" האָט אַמאָל לאַסאַל אָנגערופֿן „דער תּלמוד-בערנשטיין". עדואַרדס פֿאָטער איז געווען אַן אײַזנבאַן-מאַשיניסט, אַ לאָקאָמאָטיוו-פֿירער; צו דער צײַט,

---

* Knüppel — אַ שטעקן.

ווען איך האָב אים געקענט, איז ער שוין געווען אַן אויסגעדינטער און האָט, ווי איך פֿאַרשטיי, געלעבט פֿון פּענסיע. מיט עדוואַרדן און זײַנע חבֿרים פֿלעגן מיר זיך אָפֿט צונויפֿקומען אין די קאַפֿעס און בירהײַזער; מען פֿלעגט זיצן, טרינקען ביר אָדער קאַווע, עסן און דערבײַ זיך אונטערהאַלטן אויפֿן דײַטשישן אופֿן. זיי האָבן מיך געלערנט צו שפּילן סקאַט, אָבער איך האָב זיך ניט געקאָנט אויסלערנען, ווי איך האָב בכלל קיין מאָל ניט געקענט שפּילן אין קאָרטן. מען האָט אויך געשפּילט אין דאָמינאָ. איך פֿלעג זיי דערציילן פֿון רוסלאַנד און געלערנט מיט זיי די רוסישע שפּראַך. איך געדענק, ווי שווער עס איז געווען זיי אויסצולערנען די אויסשפּראַך פֿון „יערי"* און פֿון דעם „ל", ווי די רוסן זאָגן אים אַרויס, למשל, אין דעם וואָרט „מילאָ" — זייף. ביסלעכווײַז בין איך געוואָרן באַקאַנט מיט אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פֿירער אין בערלין און אין גאַנץ דײַטשלאַנד. איך פֿלעג אין איינעם מיט עד. בערנשטיין באַזוכן אַלע פֿאַרזאַמלונגען און זיצונגען, קורץ — איך בין געוואָרן זײַן שאָטן. ער פֿלעגט אָן מיר קיין שריט ניט טאָן, און מיר פֿלעגן זיך זען יעדן טאָג, אָדער ריכטיקער יעדן אָוונט. אַ זייגער 6 אָדער 7 פֿלעג איך צוקומען אויף דער בערן-שטראַסע צו זײַן קאָנטאָר, אָפּוואַרטן אויף אים און דערנאָך גיין מיט אים און מיט זײַנע קאָלעגן אין אַ רעסטאָראַן עסן און פֿון דאָרטן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג, און נאָך דער פֿאַרזאַמלונג ווידער מיט אַ גרופּע חבֿרים (געוויינטלעך, איז דאָס געווען מ אָ ס ט, אָ ו ע ר, אָפֿטמאָל צוגעפֿאָרענע פֿון לײַפּציג, מינכען, דרעזדען, צ"ב ל י ב ק נ ע כ ט, ב ע ב ע ל א"אַ) אין אַ קאַפֿע, אָפֿט אין צוויי קאַפֿעס, און אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט.

איך האָב שטודירט מעדיצין, אָבער זייער פֿלײַסיק בין איך ניט געווען. אַלע אין דער פֿרי פֿלעג איך גיין אויף די לעקציעס אין די אווידיטאָריעס, אין די קליניקעס, אַמאָל פֿלעג איך אויך אַרבעטן אין די לאַבאָראַטאָריעס, אָבער שטודירט אין דער היים און געלעזן לערנביכער און מעדיצינישע ליטעראַטור האָב איך זייער ווייניק און זעלטן. אַז איך האָב גאָר קיין צײַט ניט געהאַט דערצו! אַלע אָוונטן פֿלעג איך זײַן צוזאַמען מיט מײַן קאָמפּאַניע, און בײַ טאָג, אַז איך האָב געהאַט צײַט, פֿלעג איך שרײַבן אַרטיקלען און קאָרעספּאָנדענציעס פֿאַר די סאָציאַליסטישע צײַטונגען — פֿאַר דער „פֿאָלקסשטאַט" אין לײַפּציג און שפּעטער פֿאַר דער „בערלינער פֿרײַער פּרעסע". אין „פֿאָלקסשטאַט" האָב איך אָפּגעדרוקט די ביאָגראַפֿיע פֿון טשערנישעווסקין און אַ לאַנגן אַרטיקל, איבערגעזעצט פֿונעם רוסישן שרײַבער שטשאַפּאָוו, איך געדענק שוין ניט אויף וואָס פֿאַר אַ טעמע.

אין אָנהייב האָב איך געוווינט אין איינעם מיט ה ע ר מ אַ ן (ש ל ו ם) ז אַ ק[33] אויף עלזאַסער שטראַסע 16. זאַק (ער לעבט שוין ניט מער) איז געווען מײַנער און אַקסעלראָדס אַ יוגנטפֿרײַנד פֿון מאָהילעוו און האָט זיך אויסגעצייכנט פֿון אונדזער גאַנצער חבֿרה מאָהילעווער סטודענטן דערמיט, וואָס ער איז ניט געווען קיין סאָציאַליסט. ער פֿלעגט זיך מיט אונדז שטענדיק קריגן און אונדז אויסלאַכן מיט אונדזערע „פֿאַנטאַזיעס" און „נאַרישקייטן". ער איז געווען אַ טרוקענע סקעפּטישע נאַטור, רעאַליסטיש און פּראַקטיש, דערבײַ מיט גוטע פֿעיִקייטן און אַ גרויסער ביכער-וואָרעם. שטענדיק פֿלעגט ער זײַן אַרומגעלייגט מיט אַ הויפֿן ביכער וועגן מעדיצין, פֿילאָסאָפֿיע, געשיכטע און פֿלעגט לעזן און לעזן אָן אַ שיעור און אָן אַ סוף. שפּעטער האָט דער רוסישער נאַראָדניק דמיטרי קלעמענס געמאַכט אויף אים אַ פֿערז: „זאַק טשיטאַיעט דני אי נאָטשי, זאַק טשיטאַיעט טשטאָ יעסט מאָטשי".* ער האָט זיך פֿלײַסיק געלערנט, האָט גוט אָפּגעגעבן דעם עקזאַמען און איז געוואָרן אַ דאָקטאָר. הערמאַן זאַק איז געווען אַ קרובֿ פֿון דעם באַקאַנטן פּעטערבורגער באַנקיר אַבֿרהם זאַק און האָט געלעבט און שטודירט אויף זײַנע מיטלען. אַזוי ווי ער איז געווען אונדזערער אַ יוגנטפֿרײַנד נאָך פֿון מאָהילעוו, האָבן מיר מיט אים

* דער קלאַנג ы אין רוסיש.

* „זאַק לייענט טעג און נעכט, זאַק לייענט מיט אַלע זײַנע כּוחות".

געלעבט בשלום, כאָטש פֿון אונדזער פּאָליטיק האָט ער ניט געהאַלטן און געמאַכט פֿון אונדז חוזק. פֿונדעסטוועגן פֿלעגן זיך ביי אים אין דער וווינונג אויפֿהאַלטן אונדזערע חבֿרים די עמיגראַנטן, מיט וועמען ער איז געווען באַפֿריינדעט, אָבער — אָן „אידעען-געמיינשאַפֿט“. דער ערשטער שכן ביי זאַקן, וואָס מיר האָבן אים אַהין אַריינגעפֿירט, איז געווען דמיטרי קלעמענס,[34] דער באַקאַנטער רוסישער רעוואָלוציאָנער, איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָט אָנגעהויבן „גיין אין פֿאָלק“ צוזאַמען מיט מאָראָזאָוון, קראַווטשינסקין, ראָגאַטשאָוון און אַנדערע. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָליאַ“, שפּעטער פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, און איינער פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון דעם פּאַרטיי-אָרגאַן „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“.[35] קיין בערלין איז ער דעמאָלט געקומען, ווייל ער האָט זיך באַדאַרפֿט אויסבאַהאַלטן פֿון דער רוסישער פּאָליציי און אויך כּדי זיך אַ ביסל אויסצורוען פֿון דעם אומלעגאַלן לעבן אין רוסלאַנד. אַזוי ווי ער האָט געהאַט גוטע פֿאַרבינדונגען מיט די ליטעראַרישע קרייזן אין פּעטערבורג און איז געווען זייער אַ געבילדעטער מאַן, האָט ער זיך גענומען אין בערלין צו שרייבן אַן אַרטיקל פֿאַר „אָטעטשעסטווענניע זאַפּיסקי“[36] וועגן דעם דייטשן שריפֿטשטעלער פֿריץ רויטער, וואָס האָט געשריבן אין דעם צפֿון-דייטשן דיאַלעקט. פֿאַר אונדז איז קלעמענס געווען אַ העכסט אינטערעסאַנטע פּערזאָן. ער איז געווען איינער פֿון די פּאָפּולערסטע רעוואָלוציאָנערן און האָט אַלעמען געקענט אין רוסלאַנד. ער איז געווען אַ מענטש פֿון גרויסער אינטעליגענץ און מיט טיפֿע איבערצייגונגען, דערצו זיך פֿאַרהאַלטן זייער איינפֿאַך, און מיר פֿלעגן אים צוהערן מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט און סימפּאַטיע. ער האָט אונדז אַ סך דערציילט וועגן טשערנישעווסקין, וואָס איז דעמאָלט געווען נאָך פֿאַרשיקט אין סיביר, וועגן פֿלעראָווסקי-בערווי;[37] ער איז געווען פּערזענלעך באַפֿריינדעט מיט גלעב אוספּענסקי,[38] וואָס איז צו יענער צייט געווען גראָד אין פּאַריז. צו קלעמענסן פֿלעגן אַריינקומען אַלע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען דורכגעפֿאָרן דעמאָלט בערלין, הן פֿאָרנדיק פֿון רוסלאַנד, אַזוי אויך פֿאָרנדיק צוריק פֿון אויסלאַנד. אַזוי זיינען איבערגעווען אין זאַקס קוואַרטיר מאָראָזאָוו,[39] די לאָפּאַטינס (הערמאַן און ווסעוואָלאָד),[40] טשאַיקאָווסקי, סאַזשין[41] (ראָס, סעקרעטאַר פֿון באַקונין), אַננאַ עפּשטיין, קראַווטשינסקי[42] א״אַ.

אַרום יענער צייט האָט זיך אין בערלין באַוויזן אויך אַהרן זונדעלעוויטש, וואָס מיר האָבן אים גערופֿן אַרקאַדי. ער איז געווען אַ גרויסער מומחה אין אַריבערפֿירן איבער דעם רוסיש-פּרייסישן גרענעץ רעוואָלוציאָנערן, וואָס פֿלעגן אַנטלויפֿן פֿון רוסלאַנד, און אַריינפֿירן קיין רוסלאַנד אומלעגאַלע ליטעראַטור פֿון זשענעווע און לאָנדאָן. מיט זיין הילף זיינען דאָס אַלע אויבן דערמאָנטע רעוואָלוציאָנערן אַריבער דעם גרענעץ, ווי אַרקאַדי האָט געהאַט גוטע פֿאַרבינדונגען. קעניגסבערג איז געווען די ערשטע סטאַנציע פֿאַר די אַנטלאָפֿענע, און דאָרטן איז געזעסן דער חבֿר אַבאַ (אַפּאָלאָן) פֿינקעלשטיין,[43] איינער קליינבאָרד און נאָך אַנדערע, וואָס איך האָב זיי ניט געקענט פּערזענלעך. די צווייטע און די הויפּט-סטאַנציע איז געווען בערלין, און דער אַדרעס פֿון זאַקס קוואַרטיר, עלזאַסער שטראַסע 16, איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן. אַרקאַדי פֿלעגט אָפֿט פֿאָרן קיין אויסלאַנד און יעדער מאָל זיך אָפּשטעלן אין בערלין. מיר זיינען געוואָרן אַלץ מער מיט אים באַפֿריינדעט און האָבן איבערגענומען די אַגענטור פֿון זיין גרענעץ-אַרבעט, דאָס מיינט מיר פֿלעגן אויפֿנעמען אַלע יענע אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערן, וואָס פֿלעגן קומען קיין בערלין, און אויך אָרגאַניזירן דעם טראַנספּאָרט פֿון אומלעגאַלער ליטעראַטור קיין רוסלאַנד.

איידער איך וועל באַשרייבן גענויער, ווי עס פֿלעגט צוגיין דער טראַנספּאָרט פֿון אומלעגאַלער ליטעראַטור דורך בערלין, וויל איך קורץ דערציילן, ווי אַזוי איך האָב זיך זייער אינטים באַפֿריינדעט מיט אַרקאַדין (זונדעלעוויטשן). אַרקאַדי איז געווען אַ ווילנער און איך בין געווען אַ האַלבער אַ ווילנער, כאָטש איך בין געבוירן געוואָרן אין מאָהילעוו. מיין מוטער איז אַ געבוירענע הרכּבֿי, ר׳ שמואל שטראַשונס אַן איניקל און ר׳ מתּתיהו

שטראָשונס אַ פּלימעניצע. מײַן מוטער (וואָס איר נאָמען איז געווען באַדאַנע) האָט געהאַט צוויי שוועסטער דבורה און גיטע, וואָס האָבן בײדע חתונה געהאַט מיט די ראָמס — פֿון דער דרוקערײַ „האלמנה והאחים ראָם" אין ווילנע. די זין פֿון דבֿורה און גיטע ראָם זײַנען געווען שטאַרק פֿאַרמישט אין פּאָליטיק, געזעסן אין די טורמעס און געווען פֿאַרשיקט קיין סיביר. דאָס רובֿ זײַנען זיי געווען דאָקטוירים: איינער אַ כירורג (גערצאַסים — געאָרגי), דער אַנדערער — אַן אָקוליסט (מאַקס, אין ניו-יאָרק), אַנדערע ווידער האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין באַקטעריאָלאָגיע און האָבן געלעבט אין ווילנע און אין מאָסקווע. מיט די ראָמס, מיט מײַנע שוועסטערקינדער הייסט עס, זײַנען געווען באַפֿרײַנדעט אַלע רעוואָלוציאָנערן אין ווילנע. בײַ די ראָמס אין הויז זײַנען געווען לערער אַבא פֿינקעלשטיין און אויך שמואל קלאַטשקאָ, וואָס איך האָב זיך שפּעטער מיט אים געטראָפֿן אין פּאַריז און ווין; חנה (אַננאַ) עפּשטיין,[44] וואָס האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין די פּעטערבורגער רעוואָלוציאָנערע קרײַזן, איז געווען באַפֿרײַנדעט מיט מיינער אַ מומע — ראָזאַ (די יִינגסטע שוועסטער פֿון מײַן מוטער), מיט וועלכער זי איז געווען צוזאַמען אין גימנאַזיע. אָט פֿון די אַלטע פֿרײַנדשאַפֿטן און אַלט-חברשאַפֿט איז צווישן מיר און די ווילנער רעוואָלוציאָנערן — זונדעלעוויטש און ליבערמאַן — געקומען צו אַ נאָענטער פֿרײַנדשאַפֿט און פֿאַרבינדונג. בשעת קלעמענס איז געקומען קיין בערלין, האָט ער מיר געבראַכט אַ גרוס פֿון אַננאַ עפּשטיין און פֿון אַרקאַדי (זונדעלעוויטש).

אַרקאַדי פֿלעגט אָפֿט קומען צו אונדז אין בערלין אויפֿן וועג אין דער שווייץ אָדער ערגעץ וווּ אַנדערש. אים האָבן מיר אַלע זייער ליב געהאַט. מיר זײַנען ניט געווען קיין מיטגלידער פֿון די אָרגאַניזאַציעס אין פּעטערבורג, וואָס זײַנען געווען קאָנספּיראַטיווע, און ער פֿלעגט אונדז ניט דערציילן אַלע סעקרעטן פֿון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, אָבער ער איז געווען אַן אָפֿנהערציקער און האָט געהאַט צו אונדז דעם פֿולן צוטרוי, און אַזוי האָבן מיר זיך דערוווּסט, צום בײַשפּיל, אַז ער האָט געקויפֿט אין פֿראַנקפֿורט-מאַין אַ דרוק-מאַשינע און האָט זי אַריבערגעפֿירט קיין פּעטערבורג — דאָס איז געווען די געהיימע דרוקערײַ פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". ווײַטער האָבן מיר געוווּסט, אַז אַרקאַדי האָט ערגעץ געקויפֿט דינאַמיט און געבראַכט צו פֿירן קיין פּעטערבורג — דאָס איז געווען דער ערשטער דינאַמיט, וואָס די רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד האָבן באַקומען.[45]

אונדזער עסק אין בערלין איז געווען צו טראַנספּאָרטירן די אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור פֿון זשענעווע און לאָנדאָן איבער דעם פּרײַסישן גרענעץ אַרום ווערזשבאָלאָווע. אין יענער צײַט האָט לאַוראָוו אַרויסגעגעבן זײַן זשורנאַל „וופּעריאָד" און אַנדערע זײַנע חיבורים. אין זשענעווע פֿלעגט זיך דרוקן דער סאָציאַליסטישער זשורנאַל „ראַבאָטניק",[46] די ווערק פֿון באַקונינען, די פּאָפּולערע בראָשורן „כיטראַיאַ מעכאַניקאַ", „סקאַזקי דיעדושקי נאַומאַ",[47] דראַגאָמאַנאָווס בראָשורן וכדומה. דער טראַנספּאָרט פֿלעגט גיין ניט דירעקט קיין בערלין, כּדי די פּאָליציי און שפּיאָנען זאָלן ניט קענען באַמערקן, וואָס און פֿונוואַנען עס קומט אָן; די סחורה פֿון לאָנדאָן און זשענעווע פֿלעגט מען שיקן קיין לײַפּציג צום פֿאַרלאַג פֿון דעם „פֿאָלקסשטאַט". אין לײַפּציג, דעם וועלטצענטער פֿאַר ביכער - פּראָדוקציע, איז קיינעם ניט אויפֿגעפֿאַלן, ווען עס פֿלעגן אָנקומען פּעק מיט ביכער פֿון לאָנדאָן און פֿון שווייץ. ערשט פֿון לײַפּציג פֿלעגט מען די סחורה אַריבערשיקן קיין בערלין, ווו מיר פֿלעגן זי איבערנעמען, איבערפּאַקן אין אַנדערע פּעק און פֿון דאָרטן אַריבערשיקן קיין קיניגסבערג און ווײַטער, אויף די אַדרעסן פֿון באַוווּסטע קאָנטראַבאַנדיסטן. דער קאָנספּיראַטיווער אַדרעס איז דערבײַ געווען: „וויטווע ברודערן אין קיבאַרטי". די בריוו אויף דעם אַדרעס פֿלעגן אָנקומען צו אַרקאַדי, וואָס פֿלעגט שטענדיק האַלטן אין אַרומפֿאָרן צווישן פּעטערבורג, דעם גרענעץ און אויסלאַנד. דאָס איבערפּאַקן אין בערלין פֿלעגט געמאַכט ווערן אין אַ מאַנופֿאַקטור-קראָם פֿון עד. בערנשטיינס אַ ברודער. בערנשטיין האָט געהאַט נאָך אַ קרובֿ אַ פֿעטער, וואָס איז געווען אַ פֿאָטאָגראַף, און ער האָט אונדז פֿיל מאָל פֿאָטאָגראַפֿירט. אַ סך פֿון די פֿאָטאָגראַפֿיעס,

וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿון אים, האָבן שפּעטער געשפּילט אַ ראָלע אין דעם פּראָ־צעס פֿון ליבערמאַנען אין ווין און פֿון אונדזער פּראָצעס אין בערלין, און וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען שפּעטער צו דערציילן.

דערווײַלע זײַנען אין בערלין אין די יאָרן 1875–1876 אָנגעקומען אַלץ מער און מער חברה פֿון אונדזערע לײַט. ווען איך האָב פֿאַרלאָזן קיעוו אין אָקטאָבער 1873 און בין אַוועק קיין ווין, זײַנען מײַנע חברים אַקסעלראָד, לוריע, די ברידער לעווענטאַל, די פֿרײַלינס קאַמינער און אַמאַליע ראַטנער פֿאַרבליבן אין קיעוו. אַז מען האָט אַרעסטירט פֿישערן און לוריע, זײַנען זיי זיך אַלע ביסלעכווײַז צעפֿאָרן פֿון קיעוו, און אַזוי זײַנען אָנגעקומען קיין בערלין: אַקסעלראָד, די שוועסטער קאַמינער — נאַדיאַ און אויגוסטינאַ, לייזער לעווענטאַל, זײַן שוועסטער חוה (עוואַ); ווײַטער זײַנען געקומען: משה אַהרנסאָן, מאַקס ראָם, א. קאַזאַרנאָווסקי, לייזער צוקער־מאַן [און אויך סאַשאַ שור]. שפּעטער זײַנען צוגעקומען נאָך צוויי מאָהילעווער — מאַזע און ביילין, אויך עליאַסבערג פֿון מינסק און נאָך אַנדערע.* קורץ — עס איז געוואָרן אַ גאַנץ היפּשע קאָלאָניע פֿון ייִדיש־רוסישע סטודענטן און סטודענטקעס, וואָס מען האָט זי געקענט אײַנטיילן אין צוויי גרופּעס: אַ גרופּע מאָהילעווער און אַ גרופּע ווילנער און אַנד׳. די מאָהילעווער איז געווען די גרעסערע און האָט זיך גרופּירט אַרום אַקסעלראָדן און מיר; צו איר קען מען אויך צורעכענען די פּאָר קיעווער (לוריע און די קאַמינערס). אַ שטיקל צײַט נאָך דעם, ווי עס זײַנען געקומען אַקסעלראָד, לייזער לעווענטאַל און די טעכטער קאַמינערס, איז פֿון קיעוו אָנגעקומען אויך שמעון (סעמיאָן) לוריע, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון טורמע מיט דער הילף פֿון זײַן ערשטער כּלה דאָראַ שוואַרצמאַן. באַלד איז אויך אָנגעקומען אַ באַדײַטנדער חבר — נחמן לעווענטאַל, לייזערס אַ ברודער. דעם וועג פֿון קיעוו ביז בערלין האָט נחמן דורכגעמאַכט מיט גרויסע צרות און מיט אויסערגעוויינטלעכע פּאַסירונגען; איך דערמאָן אים דאָ אויך דערפֿאַר, ווײַל ער איז שפּעטער געוואָרן אַ באַקאַנטער פּראָפֿעסאָר פֿון היסטאָלאָגיע אין לאָזאַנער אוניווער־סיטעט, געווען אַ שילער פֿון דעם באַרימטן פֿיזיאָלאָג פּראָפֿ׳ שיף אין זשענעווע און אַ חבר פֿון פּראָפֿ׳ אַלעקסאַנדער הערצען, דעם זון פֿון דעם גרויסן אַלעקסאַנדער הערצען. פּראָפֿ׳ נחמן לעווענטאַל לעבט נאָך עד היום; פֿון זײַן רעוואָלוציאָנערער טעטי־קייט אין דער יוגנט אין קיעוו איז שוין קיין שפּור ניט געבליבן — ער איז געוואָרן אַ קאָנסערוואַטיווער און שטרענג רעליגיעזער קריסט...

די צרות און אויסערגעוויינטלעכע פּאַסירונגען פֿון נחמן לעווענטאַלן, בעת ער איז אַנטלאָפֿן פֿון רוסלאַנד, זײַנען געווען אַזעלכע. באַלד ווי מען האָט אין קיעוו אָנגע־הויבן נאָכסליעדעווען אונדזער „קרוזשאָק" (קרײַזל), איז נחמן אַוועק אין אַ דאָרף צו איינער אַ ליבעראַלער גוטבאַזיצערין, וואָס האָט סימפּאַטיזירט מיט די רעוואָלוציאָנערן. ער איז בײַ איר פֿאַרבליבן אַ חודש צײַט און האָט געלערנט מיט אירע קינדער; קיין פּ־אָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערים האָט ער דאָרט אָפּנים ניט געפֿירט, און די פּאָליציי אין דאָרף, דאָס הייסט דער „אוראַדניק", האָט אויף אים קיין שום חשד ניט געהאַט. אָבער סוף זומער האָט זיך דער „אוראַדניק" אַרומגעזען, אַז אַ סטודענט וווינט אין דער „אימעניע" אָן פּאַפּירן, און האָט אָנגעהויבן זיי פֿאָדערן, און אַזוי ווי קיין פּאַפּירן האָט מען אים אַלץ ניט באַוויזן, האָט ער געמאַכט אַ ראַפּאָרט צו די זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן זיך שוין געקליבן אַראָפּקומען. אַז נחמן האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער באַשלאָסן אַוועק־צופֿאָרן, און אַזוי ווי דאָס איז געווען ניט ווײַט פֿון רומעניש גרענעץ, איז ער אַוועק קיין רומעניע. דאָרטן איז ער פֿאַרבליבן אַ שטיקל צײַט אָן קיין שום מיטלען, ווײַל דאָס געלט איז אים אויסגעגאַנגען, און ער האָט געפֿירט אַ לעבן פֿון אַ היימלאָזן וואַנדערער.

---

* פֿ"גל דעם אַרטיקל פֿון א. טשעריקאָווער אויבן, קאַפּיטל V. רעד׳.

כּדי ניט צו שטאַרבן פֿון הונגער און קעלט האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען אין די גאַסן מיט פֿלוימען און האָט דערפֿון געהאַט חיונה, האָט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט, האָט זיך געקויפֿט אַ גוטן טערקישן פּאַס און איז אַוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָ איז ער ווידער געבליבן אָן שום מיטלען און האָט זיך ווידער גענומען טראָגן אויפֿן מאַרק פֿלוימען און אַנדערע ירקות. אַזוי האָט ער זיך אָפּגעמוטשעט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ לאַנגע צײַט, ביז ער האָט צונויפֿגענומען געלט אויף אַ בילעט ביז בערלין און איז געקומען צו אונדז. אין בערלין איז ער אַרײַנגעטראָטן אין מעדיצינישן פֿאַקולטעט. אַזוי ווי ער איז געווען אַ פֿעיִקער צום מאָלן, האָט ער זיך אויסגעלערנט רעטושירן און האָט געאַרבעט בײַ אַ גוטן פֿאָטאָגראַף און האָט ניט שלעכט פֿאַרדינט צום לעבן. אין אַ יאָר אַרום לערך נאָך זײַן קומען קיין בערלין איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין זשענעווע און דאָרט ווײַטער געפֿירט זײַן שטודיום, ביז ער איז געוואָרן פּראָפֿעסאָר.

שמעון (סעמיאָן) לוריע איז געקומען קיין בערלין זייער אַ פֿאַרמוטשעטער נאָך דעם זיצן אין דער פֿײַכטער און קאַלטער טורמע און נאָך דעם באַהאַלטן זיך, ווען ער איז פֿון טורמע אַנטלאָפֿן. ער האָט געהאַט אַ שוואַכע ברוסט און האָט שלעכט פֿאַרטראָגן דעם קלימאַט פֿון בערלין; ער איז אַוועקגעפֿאָרן קײַן זשענעווע, ווו ער האָט ווײַטער שטודירט מעדיצין. ער האָט זייער אַ סך געלייענט וועגן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פֿראַגן און איז צווישן זײַנע חברים געווען באַקאַנט אַלס זייער אַ פֿעיִקער מענטש, אַ קלוגער, פּאָזיטיווער און פֿלײַסיקער; ער האָט ניט ליב געהאַט אַ סך צו ריידן, דערפֿאַר האָט ער אַ סך געאַרבעט.

אַקסעלראָד האָט אויך ניט געוואָלט לאַנג פֿאַרבלײַבן אין בערלין; אים האָט געצויגן אין דער שווייץ, ווו עס זײַנען געווען זײַנע נאָענטע פֿרײַנד, די אין יענער צײַט באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערע שריפֿטשטעלער, די רוסישע עמיגראַנטן ר אַ ל י,[48] ז ש ו ק אָ וו ס ק י,[49] ס ט ע-פּ אַ נ אָ וו י ט ש,[50] אויך קלעמענס, קראַווטשינסקי, מאָראָזאָוו, דראַגאָמאַנאָוו, טשערקעזאָוו[51] און אַנדערע, און ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין זשענעווע. די שוועסטער קאַמינער, אַמאַליע ראַטנער, סאַשאַ שור זײַנען אויך אַוועקגעפֿאָרן אין דער שווייץ, זיי האָבן זיך אויך געקליבן דאָרט שטודירן, אָבער ניט דאָס זײַנען זיי געווען אויסן... זיי זײַנען געווען יונגע מיידלעך און האָבן זיך טאַקע באַלד מזווג זיווגים געווען: נאַדיא קאַמינער האָט חתונה געהאַט מיט אַקסעלראָדן, אַמאַליע ראַטנער — מיט סעמיאָן לוריע. שפּעטער איז כאַסיע (סאַשאַ) שור געוואָרן מײַן כּלה, אָבער דעריבער וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן.

אַרום 1876 איז ליבערמאַן צום ערשטן מאָל געקומען קיין בערלין פֿון לאָנדאָן.[52] ווי עס ווײַזט אויס, האָט ער מער ניט געהאַט קיין אַרבעט אין „וופּעריאָד" און האָט באַשלאָסן אַריבערצופֿאָרן קיין ווין, ווו עס איז געווען אַ ייִדישע דרוקערײַ און ער האָט געקענט אַרויסגעבן אַ זשורנאַל. פֿון לאָנדאָן האָט ער געבראַכט דעם פּראָיעקט פֿון אַ ייִדישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע און צו דעם צוועק האָט ער פּראָיעק-טירט אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „האמת". מיר, די בערלינער, האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קרײַזל („קרוזשאָק") כּדי אים צו אונטערשטיצן. דאָס זײַנען געווען: די מאָהילעווער — אַהרנסאָן, איך, קאַזאַרנאָווסקי און שור; די ווילנער — עפֿראָן און די ברידער ראָם און אויך אַ געוויסער קרעמענעצקי, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ רײַכער אינזשענער אין ווין און אַן אָנגעזעענער ציוניסט.[53] ליבערמאַן איז דעמאָלט געווען אַ פֿריילעכער, וויציקער מענטש, וואָס פֿלעגט דערציילן אַ סך אַנעקדאָטן און וויצן און דערבײַ אַליין פֿיל לאַכן. דאָס איז געווען זומערצײַט; קיין בערלין זײַנען דעמאָלט פֿון רוסלאַנד געקומען אַרקאַדי (זונדעלעוויטש), מײַן שוועסטער סאָפֿיע און גראַסים ראָם; געווען איז אויך מאַקס ראָם (זײַן ברודער). אונדזערע פֿאַרזאַמלונגען זײַנען געווען זייער לעבעדיקע, עס פֿלעגט זיך צונויפֿקומען אַ סך עולם, און אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט אַ באַקאַנטן פֿאָטאָגראַף, בערנ-שטיינס פֿעטער, האָבן מיר זיך פֿיל פֿאָטאָגראַפֿירט. מיר האָבן אַראָפּגענומען אַ גרויסע

גרופּע, ווי עס זײַנען געווען פֿאָטאָגראַפֿירט אַלע אונדזערע פֿרײַנד און קאָלעגן פֿון אוניווערסיטעט מיט אַרקאַדין און ליבערמאַנען בתוכם. אין מיטן פֿון דער גרופּע זיצן סאַשע שור און איך. אָט די גרופּע און אַנדערע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון יעמאָלט האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע (אַלס באַווײַז־מאַטעריאַל) אין דעם פּראָצעס פֿון ליבערמאַנען אין ווין [1878] און פֿון אונדזער פּראָצעס (פֿון מיר, אַראָנסאָן און ליבערמאַן) אין בערלין [1879], ווי איך וועל דאָס דערציילן ווײַטער. אויסער דער גרופּע זײַנען געווען אייניקע כאַראַקטעריסטישע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון ליבערמאַנען; אויף איינער שטייט ער מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און צילעוועט זיך אין אַ שוואַרצער ברעט, אויף וועלכער עס איז אויפֿגעשריבן מיט קרײַד: „רוסקי צאַר״... עס זײַנען נאָך געווען אייניקע גרופּעס צו צווייען און צו דרײַען, ווי, צום בײַשפּיל, איך מיט אַרקאַדין, איך מיט אַרקאַדין און ליבערמאַנען און אַנדערע נאָך...*

# IV

## אין ציריך

זומער 1882 האָבן די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָפּגעהאַלטן אַן אומלעגאַל קאָנגרעס אין דער שווייץ, אין ווידען (Widen). דאָס איז געווען בעת אין דײַטשלאַנד האָט געהערשט דער געזעץ קעגן סאָציאַליסטן און מען האָט דאָרט לעגאַל ניט געקענט פֿירן קיין סאָציאַליסטישע אַרבעט. דער צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿלעגט אַרויסגיין אין ציריך — „דער סאָציאַל־דעמאָקראַט״, די רעדאַקטאָרן זײַנען געווען קאַרל קויטסקי און עד. בערנשטיין. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז זיי, צוזאַמען מיט אַ גרופּע דײַטשע ס״ד, וואָס האָבן געוווינט אין ציריך, זײַנען געפֿאָרן צום קאָנגרעס אין ווידען. אַזוי ווי איך האָב געוווינט דעמאָלט אין ציריך און בין געווען באַפֿרײַנדעט מיט בערנשטיינען און מיט די אַנדערע, בין איך אויך געפֿאָרן צו דעם קאָנגרעס. פֿון דײַטשלאַנד זײַנען געקומען פֿיל מיטגלידער פֿון דער ס״ד־פּאַרטיי. פֿון די מער באַקאַנטע מיטגלידער, וואָס איך האָב פּערזענלעך געקענט, איז אין ציריך געווען מ אָ ט ע ל ע ר; ווי ווײַט איך געדענק, איז מאָטעלער געווען דער באַפֿולמעכטיקטער, וואָס האָט זיך עוסק געווען מיט דעם טראַנספּאָרט פֿון דער אומלעגאַלער דײַטשער ליטעראַטור — דעם „סאָציאַל־דעמאָקראַט״ און פֿאַרשיידענע בראָשורן — פֿון דער שווייץ קיין דײַטשלאַנד.

עס איז געווען אַ שיינער זומער־פֿרימאָרגן, אַרום 10 אַ זייגער, בעת די גרופּע, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאָרן צום קאָנגרעס, און איך מיט זיי, איז געקומען צום וואָקזאַל און באַדאַרפֿט זיך אַרײַנזעצן אין אַ באַזונדער וואַגאָן, וואָס מען האָט געדונגען פֿאַר די מיטגלידער פֿון קאָנגרעס. ווי מיר זײַנען צוגעקומען צום וואַגאָן, דערזע איך אין אַן אָפֿענעם פֿענצטער אַ פֿיגור פֿון אַ מענטשן, וואָס איז מיר אויסגעקומען זייער באַקאַנט. איך האָב זיך נעענטער צוגעקוקט — און וועמען האָב איך דערזען? — ניט מער און ניט ווייניקער, ווי דעם שעף פֿון דער בערלינער געהיים־פּאָליציי, דעם באַקאַנטן אויבער־קאָמיסאַר ק ר י ג ע ר, ביסמאַרקס געטרײַסטן דינער. מ׳קען זיך פֿאָרשטעלן דעם אײַנדרוק, וואָס דאָס האָט אויף מיר געמאַכט. סטײַטש, מען פֿאָרט אויף אַ ג ע ה יי מ ע ן קאָנגרעס, מען שטיקט זיך און מען זאָגט אויס נאָר זיכערע פּאַרטיי־חבֿרים דעם נאָמען פֿון דעם אָרט, וווּ דער קאָנגרעס וועט זײַן; אַפֿילו פֿאַר דער שווייצער רעגירונג האָט מען ניט אָפֿן דערקלערט, אַז עס וועט פֿאָרקומען אַ קאָנגרעס, נאָר אַזוי געפֿירט דעם עסק, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פּראָסטע שפּאַציר־רײַזע, אַן עקסקורסיע פֿון טוריסטן; דעם גאַנצן סוד האָט מען געמאַכט, בכדי די דײַטשע פּאָליציי זאָל ניט וויסן אַפֿריער, אַז עס קומט פֿאָר אַ קאָנגרעס, און על אחת כמה וכמה ניט וויסן, ווער פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן,

* דערמיט ווערט איבערגעריסן דער קאַפּיטל אין מאַנוסקריפּט. — רעד׳.

וואָס ווױנען אין דײַטשלאַנד, איז דאָרטן געווען, אַניט וואָלטן זײ באַקומען אַ האַרבע שטראָף. און אָט נאַ דיר — אין דעם וואַגאָן, ווו עס פֿאָרן די הויפּטמאַכערס פֿון קאָנגרעס, זיצט זיך דער אויבער-שפּיאָן אַליין, וואָס האָט די חוצפּה בכבֿודו ובעצמו צו קומען אַהער, כּדי אַלעמען צו זען, אַלץ פֿאַרשרײַבן און דערנאָך מאַכן אַ ראַפּאָרט צו ביסמאַרקן! און ווײַטער: אויב דער הויפּט-שפּיאָן פֿון אַלע שפּיאָנען איז דאָ, מוז ער דאָך זײַן ניט אַליין, מוז ער דאָך האָבן אַדיוטאַנטן און שפּיאָנען מיט זיך. אַ שיינער „געהיימער“ קאָנגרעס!

איך פּערזענלעך האָב געהאַט נאָך אַ באַזונדער חשבון מיט אָט דעם אויבער-שפּיאָן פֿאַר מײַן אַרעסט און פּראָצעס אין בערלין (אין 1878–1879), בעת מען האָט מיך געמשפּט צוזאַמען מיט ליבערמאַנען און אַהרנסאָנען. די אויפֿפֿירונג פֿון דער פּאָליצײַ בײַם אַרעסט און נאָכן פּראָצעס איז געווען באַזונדערס באַרבאַריש און שענדלעך. דער פּאָליצײַ-קאָמיסאַר מערשייט פֿאָן הילעסעם, וואָס האָט מיך אַרעסטירט, האָט געמאַכט אַ גוואַלד און געשריען אויף דער ווירטין פֿון דער קוואַרטיר, אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ געפֿערלעכער רויבער און אויסוואָרף, וואָס מען טאָר אים ניט אַרויפֿלאָזן אויף דער שוועל. דערנאָך, אַז איך בין שוין געווען אין דער פּאָליצײַ-תּפֿיסה, האָט מיך דער אייגענער מערשייט פֿאָן הילעסעם איין מאָל אַרײַנגעפֿירט אין אַ גרויסן זאַל, פֿול מיט מענטשן, האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף אַן עסטראַדע און פֿאָרגעשטעלט דעם גאַנצן עולם, ווי זייער אַ געפֿערלעכן פֿאַרברעכער, וואָס מען דאַרף זיך שטאַרק היטן פֿאַר אים. דער גאַנצער עולם אין זאַל, אַ מאַן הונדערט, איז באַשטאַנען פֿון בערלינער געהיים-פּאָליציסטן. די דאָזיקע חבֿריא האָט זיך נאָך די ווערטער פֿונעם קאָמיסאַר אַ וואָרף געטאָן צו מיר און אָנגעהויבן אויף מיר שרײַען, זידלען מיך און סטראַשען מיט די קולאַקעס... שפּעטער, נאָך דעם פּראָצעס, אַז מען האָט מיך מיט מײַנע חבֿרים געדאַרפֿט אַריבערפֿירן פֿון דער פּאָליצײַ-געפֿענגעניש (אויף מאָלקענמאַרקט) אין דער שטראָף-געפֿענגעניש אין פּלעטצענזעע, זײַנען ווידער געשטאַנען צוויי שערענגעס אַגענטן, פֿון די טרעפּ אין דער געפֿענגעניש ביז צו דער קאַרעטע, אין וועלכער מען האָט אונדז אַריבערגעפֿירט, און אַז מיר זײַנען אַרויס אויף די טרעפּ, האָבן זײ אָנגעהויבן ווידער שרײַען און זידלען אונדז און שרעקן, אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען זייערע פּערזענלעכע פֿײַנד. אויך אין פּלעטצענזעע איז אונדזער גרעסטער שונא און פּײַניקער געווען דער פּאָליצײַ-אינספּעקטאָר; יעדער מאָל, ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיך געזידלט און געזוכט צו דערנידעריקן מיך; בעת די אַנדערע אינספּעקטאָרן פֿלעגן זיך באַנעמען רויִק, פֿלעגט ער שפּרינגען פֿון דער הויט און סטראַשען, אַז מען וועט אונדז אַלע דרײַ אויסליווערן קיין רוסלאַנד, און דאָרטן וועט מען אונדז שוין „געבן די קנוטע“. דאָס האָט ער, דער פּאָליצײַ-אינספּעקטאָר, זיך אויסגעסטאַרעט, אַז מען זאָל מיר אָנטאָן אַרעסטאַנטישע קליידער, וואָס איך האָב געמוזט טראָגן אַ פּאָר חדשים. שפּעטער, אַז איך בין אָפּגעזעסן מײַנע זעקס חדשים אין טורמע (אין גאַנצן בין איך געזעסן 12 חדשים) און מען האָט מיך געדאַרפֿט אַרויסשיקן פֿון פּרײַסן, האָט זיך דער אייגענער קריגער מיט מיר לאַנג געדונגען וועגן מיך צו שיקן און האָט מיר אַלץ ניט געוואָלט זאָגן, צי וועט מען מיך אויסליווערן קיין רוסלאַנד. ער האָט מיך ניט געוואָלט לאָזן פֿאָרן אין דער שווייץ און אויך ניט קיין פֿראַנקרײַך, קיין פֿראַנקרײַך דערפֿאַר, ווי ער האָט געזאָגט, ווײַל „דאָרטן איז די קאָמונע“... דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען פֿראַנקרײַך איז שוין געווען אַ רעפּובליק מיט גרעווי אַלס פּרעזידענט. סוף כּל סוף האָט ער מיך אַרויסגעשיקט קיין האַמבורג און פֿון דאָרטן בין איך אַוועקגעפֿאָרן קיין לאָנדאָן.

דערבײַ מוז איך זאָגן, אַז די גאַנצע אַרבעט פֿון די שפּיאָנען און די אָרגאַניזאַציע פֿון דער בערלינער געהיים-פּאָליצײַ, לויט ווי מיר האָבן זי דערקענט אין אונדזער בערלינער פּראָצעס, איז קיין סך ניט ווערט געווען. מען האָט אָנגעשטעלט צענדלינגער שפּיאָנען און נאָכקוקער אין איטליכן הויז, ווו רוסישע סטודענטן האָבן געוווינט, מען

פלעגט טריט ביי טריט נאָכגיין די סטודענטן, אויספרעגן די שכנים און די דינסטן, עפענען די בריוו און מאַכן אונטערזוכונגען, בעת מען איז ניט געווען אין דער היים — און פונדעסטוועגן האָבן זיי גאָרניט פאַרשטאַנען און גאָרניט דערגרייכט. זיי האָבן אַרעסטירט אַ מאַסע אומשולדיקע און פלייסיקע סטודענטן, ווי עליאַסבערג פון מינסק, ביילין, מאַזע און ליאָן, און שפּעטער זיי אַלע געמוזט אַרויסלאָזן — און דערביי האָבן זיי גאָרניט באַמערקט אַזעלכע וויכטיקע טוער, ווי יואל עפראָן און דעם לאַנגן דאָקטאָר וואַסילי איוואַנאָווסקי,[54] וואָס זיין גרויסער וווקס אַליין האָט אים געקענט קאָמפּראָמעטירן. זיי האָבן אָבער גאָרניט פאַרשטאַנען און גאָרניט געוווּסט. די גאַנצע סיסטעם פון דער בערלינער פּאָליציי איז נאָר געווען אָנשרעקן, באַרבאַריש באַהאַנדלען, שרייען און זידלען! קריגער איז געווען אַ פאַרטאַטש און אַ גראָבער יונג און דערצו אַן אַכזר.

נאַטירלעך, ווי איך האָב נאָר דערזען קריגערן אין וואַגאָן, האָב איך אויף אים אָנגעוויזן די פּאַרטיי-חברים, וואָס זיינען געווען מיט מיר. מען איז אַריין אין וואַגאָן, און דער צוג האָט אָנגעהויבן פאָרן. אין דעם קופּע, ווו איך בין געזעסן, איז געווען מאָטעלער און נאָך אַ פּאָר סאָציאַליסטן, וואָס איך האָב זיי ניט געקענט. איך האָב ביי אַלעמען גענומען פרעגן, צי האָבן זיי ניט קיין רעוואָלווער, ווייל איך בין געווען גרייט אַפילו צו שיסן אויף קריגערן. נאָך דעם געזעץ נאָך אין דער שווייץ, וואָלט דערפאַר ניט געקומט קיין שטראָף, אָדער גאָר אַ קליינע, ווייל אין דער שווייצער רעפּובליק איז שטרענג פאַרבאָטן די אַרבעט פון פּאָליציי-שפּיאָנען לטובת וועלכער ניט איז רעגירונג; פּאָליטישע שפּיאָנען טאָרן אַפילו ניט קומען אין דער שווייץ, און אַז מען אַנטדעקט זיי, האָט די שווייצער פּאָליציי דאָס רעכט זיי גלייך צו אַרעסטירן און אַרויסטרייבן פון לאַנד. מען קען דעם שפּיאָן איבערגעבן צום געריכט אין דער שווייץ, און דער געריכט וועט אים זיכער פאַרמשפּטן. מיין ווענדונג צו די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָט אָבער צו גאָרניט געבראַכט; מאָטעלער און די אַנדערע האָבן זיך גלייכגילטיק פאַרהאַלטן צו מיין אויפרעגונג. איך האָב געזוכט זיי צו דערקלערן, אַז מען מוז אויסנוצן דעם מאָמענט, כדי צו באַשטראָפן דעם עזות-מחוצף-פנים, דעם אויבער-שפּיאָן קריגער, וואָס האָט די חוצפה צו קומען בכבודו ובעצמו קיין שווייץ, זעצן זיך אין וואַגאָן, וואָס די ס״ד האָבן געדונגען, און אָפן נאָכשפּיאָנירן אַלעמען, וואָס פאָרן צו אַ געהיימען קאָנגרעס. די דייטשע חברים, וואָס זיינען מיט מיר געפאָרן, האָבן ניט ערגער פאַר מיר געוווּסט, ווער קריגער איז און וויפל שאָדן ער האָט געבראַכט זיי אַלעמען און דער פּאַרטיי בכלל; אָבער קיינער פון זיי האָט זיך ניט געוואָלט רירן פון אָרט, און זיי האָבן אויף מיר געקוקט, ווי אויף אַ ניט נאָרמאַלן מענטשן, אַ מין משוגענעם. דערווייל איז דער צוג געבליבן שטיין אויף אַ סטאַנציע. אַזוי ווי איך האָב זיך ניט געקענט צונויפריידן מיט די דייטשן, האָב איך באַשלאָסן זיך אַליין אָפּצורעכענען מיט קריגערן. איך בין דורכגעלאָפן דעם צוג, אַריינגעקוקט אין די אַנדערע וואַגאָנען צו געפינען אים און מאַכן אַ סקאַנדאַל פאַר אַלעמען, אַז דאָס איז אַ געפערלעכער באַוווּסטער שפּיאָן (פון דייטשלאַנד), וואָס די שווייץ טאָר ניט ליידן און וואָס טאָר דאָ ניט פאַרבלייבן קיין מינוט. אָבער מיין גאַנצע טירחה איז געווען אומזיסט, איך האָב אין ערגעץ ניט געקענט געפינען קיין שפּור פון קריגערן, ער איז ווי אין דער ערד אַריין. עס איז געווען קלאָר, אַז עמעצער פון די פּאַסאַזשירן צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס האָט געהערט מיינע רייד, האָט געלאָזט וויסן קריגערן, און ער איז שטילערהייט אַנטלאָפן...

אָט אַזוי האָט זיך געפירט די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווען זי איז געווען אומלעגאַל, און אַזוי האָבן זיך פאַרהאַלטן די אָנערקענטע פירער פון דער פּאַרטיי צו דער חוצפהדיקער אויפפירונג פון פּאָליציי-שפּיאָנען. אַזאַ האַלטונג איז פאַר ניט-דייטשן

אין גאַנצן אומפֿאַרשטענדלעך, און דער פֿאַל מיט קריגערן קלערט אויף דעם אונטערשייד צווישן דער פּסיכאָלאָגיע פֿון דײַטשן סאָציאַל-דעמאָקראַט און אַ ניט-דײַטשן רעוואָלו-ציאָנער. די אַכטונג פֿון די דײַטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פֿאַר דעם געזעץ און פֿאַר לעגאַליטעט און זייער שרעק פֿאַר ענערגישע שריט קעגן געוואַלד-מעשים און אָנגריפֿן פֿון רעגירונגס-באַאַמטע איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי זײַנען געווען גרייט אַריבער-צוטראָגן אַלע געמיינסטע האַנדלונגען אָקעגן זיך און דער פּאַרטיי; ווײַטער פֿון פּאַפּירענע פּראָטעסטן און פֿרידלעכע מאַניפֿעסטאַציעס האָבן זיי ניט געקענט גיין... בײַ מיר איז קיין ספֿק ניט, אַז די דײַטשע רעגירונג האָט אויסגעצייכנט געוווּסט וועגן יעדן טריט און יעדן וואָרט, וואָס מען האָט גערעדט אויף די „געהיימע" פֿאַרזאַמלונגען בײַ די דײַטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין דער צײַט פֿון דעם אַנטי-סאָציאַליסטן געזעץ אין דײַטשלאַנד, וואָס איז אײַנגעפֿירט געוואָרן אין אָקטאָבער 1878 און וואָס האָט געשטעלט די סאָציאַליסטן „אויסערן געזעץ". און די דײַטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן ניט געהאַט דאָס רעכט צו מאַכן פֿאָרוואורפֿן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן (ווי זיי פֿלעגן עס אָפֿט טאָן), אַז זיי זײַנען אַרומגערינגלט פֿון פּראָוואָקאַטאָרן און פֿאַררעטער. אין די דײַטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען געווען אַ סך פּראָוואָקאַטאָרן און אויס-וואָרפֿן—און מען האָט עפּעס ווייניק געהערט וועגן אַקטן קעגן אָט די אויסוואָרפֿן, ווי בײַ די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן שפּיאָנען און פֿאַררעטער געממיתט.

אין עטלעכע וואָכן אַרום נאָך דעם קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן געהיים, האָבן די דײַטשע ס"ד, וואָס האָבן געוווינט אין ציריך, און אויך די רעדאַקציע פֿון דעם „סאָציאַל-דעמאָקראַט" באַשלאָסן צו פֿאַרשטאַרקן די אומלעגאַלע פּראָפּאַגאַנדע און טראַנספּאָרטירן דורך קאָנטראַבאַנדע גרויסע פּאַרטיעס סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און פּרעסע איבער דעם גרענעץ פֿון שווייץ קיין דײַטשלאַנד. דערצו האָט מען געדאַרפֿט פֿאָרן קיין באַזעל, וואָס ליגט האַרט אויף דעם גרענעץ פֿון דײַטשלאַנד, דאָרטן נעמען די ליטעראַטור און זי טראַנספּאָרטירן. פֿאַר דער דאָזיקער מלאָכה האָט מען אײַנגעלאַדן מיך און יואל עפֿראָנען, מיר זאָלן העלפֿן די דײַטשע ס"ד. איין מאָל אין אַ זומערנאַכט, אַרום 10 אַ זייגער, זײַנען מיר אַלע, אויך איך און עפֿראָן, זיך צונויפֿגעקומען אין באַזעל, אין אַ וווינונג, וווּ עס איז געווען דער לאַגער פֿון ליטעראַטור. מען האָט אונדז אויסגעטאָן די קליידער, אַרומגעבונדן מיט פּאַקעטן פֿון „סאָציאַל-דעמאָקראַט" און אַנדערער ליטעראַטור, און אַזוי באַלאָדן האָבן מיר באַדאַרפֿט גיין כּלומרשט אויף אַ שפּאַצירגאַנג איבער דעם דײַטשן גרענעץ. מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען די שווייצער גרענעצוואַך, רויִקע און פֿריילעכע, און האָבן אויסגעזען ווי אַ ביסל שיכּורע אַרבעטער, וואָס גייען זיך שפּאַצירן אין אַ שיינער נאַכט און ווילן אַ הוליע טאָן. אונדזער עקספּע-דיציע איז דורכגעגאַנגען זייער גוט. מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם געפֿערלעכן פּונקט, פֿאַרבײַ די פֿענצטער פֿון דער דײַטשער גרענעצוואַך, הויך גערעדט צווישן זיך און געזונגען דײַטשע לידער, ווי אמתע דײַטשע וואַנדערבורשן, און די באַאַמטע פֿון גרענעץ האָבן אַפֿילו ניט געפֿרעגט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאָמפּאַניע, וואָס מאַכט אַזאַ לאַרעם. איך האָב זיך דערבײַ דערמאָנט, ווי מיר איז אויסגעקומען אַ פּאָר מאָל אַריבערצוגיין דעם רוסיש-דײַטשן גרענעץ בײַ איידקונען און ווערזשבאָלאָווע; דאָרטן איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ סך געפֿערלעכער ווי דאָ, ווײַל יעדער סטראַזשניק האָט געהאַט רעכט צו שיסן אויף אונדז; די באַדינגונגען פֿאַר קאָנטראַבאַנדע זײַנען דאָרטן געווען אַ סך שווערערע, ווײַל דאָס רובֿ איז דאָרט פֿאָרגעקומען ניט קיין פּאָליטישע, נאָר אַ סחורה-קאָנטראַבאַנדע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן מאַטעריעלן ווערט, ווי שפּירעט, זײַדנס, טײַערע שפּיצן וכדומה. אמת, די רוסישע גרענעץ-סאָלדאַטן האָבן ווייניקער ווי אויף אַלע אַנדערע גרענעצוואַכן געטראַכט וועגן עמעצן צו שיסן. אויף דעם רוסיש-דײַטשן גרענעץ זײַנען געווען פֿיל ייִדן, וואָס האָבן געפֿירט קאָנטראַבאַנדע; אָבער ניט נאָר ייִדן אַליין האָבן געמאַכט אַזעלכע געשעפֿטן, עס זײַנען געווען אַ סך קריסטלעכע

פויערים, און טאָקע די גאַר אמתע רוסן, די „סטאַראָאָבריאַדצעס“, וואָס איך האָב זיי אַליין געזען אויף דעם גרענעץ, און זיי האָבן פֿון מיר ניט באַהאַלטן. אויסער דעם זײַנען געווען פֿיל דײַטשן, וואָס זײַנען געווען אין איין קאָמפּאַניע מיט די קאָנטראַבאַנדיסטן; און אויסער דעם איז ניט שווער געווען צו מאַכן יד־אַחת מיט די סאָלדאַטן, מיט די אונטער־אָפֿיצירן און אפֿשר אויך מיט די אָפֿיצירן אַליין, ווערמען מען האָט געגעבן לאַפּקע און אַ טייל הכנסה פֿון דער קאָנטראַבאַנדע.

## דרײַ טיפּן פֿון יידישע רעוואָלוציאָנערן*

אַלע דרײַ דורכגעדרונגען פֿון דעם טיפֿסטן רעוואָלוציאָנערן געפֿיל און באַגײַסטערונג, מיט אַ פֿײַערדיקער שטרעבונג צום אויפֿאָפּפֿערן זיך און צום קאַמף, דערבײַ נקי־כפּים ובֿר לבֿב. דאָס זײַנען: אַקסעלראָד, זונדעלעוויטש און ליבערמאַן.[55] פֿון זיי זײַנען אַקסעלראָד און זונדעלעוויטש קינדער פֿון פּראָלעטאַריער: אַקסעלראָדס טאַטע איז געווען אַ לומפּן־זאַמלער און טאָג־אַרבעטער[56]; זונדעלעוויטשעס עלטערן האָבן געהאַלטן אַ שענק אין אַן אָרעמען קוואַרטאַל אין ווילנע; ליבערמאַן שטאַמט פֿון אַ בעל־הבתישער פֿאַמיליע.[57]

אַקסעלראָד איז געווען אַ אינטעליגענט, מיט אַ שטרעבן צו טעאָרעטישער און וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט. זײַן קאָנצעפּציע פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ ברייטע, אויף אַ אינטערנאַציאָנאַלן, אויף אַ וועלט־באַזיס מיט טעאָרעטישע באַגרינדונגען; ער איז געווען אַ קאַבינעט־מענטש. זונדעלעוויטש איז ניט געווען קיין טעאָרעטיקער, אָבער מיט אומגעווייִנטלעכער ענערגיע, פּראַקטיש, קלוג, געשיקט, אַ פּיקח מיט אַ געזונטן פֿאַרשטאַנד, גרייט צו יעדער געפֿאַר, צו יעדער ריזיקע, מיט אַ ווייכן, רויִקן און אָפּטימיסטישן כאַראַקטער, אַ ליבער חבֿר און סימפּאַטישער מענטש, אָן אייגן־ליבע, אָן גאווה, קרישטאָל־ריין. ליבערמאַן איז געווען אַ משכּיל, אַן אויסגעצייכנטער העברעיִסט, אַ טאַלאַנטפֿולע נאַטור, פֿעיִק צו אַלע מינים מלאָכות — אַ גוטער זעצער, ליטאָגראַף, גראַווירער. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו אייגן־ליבע, צו אויפֿטרעטן אין דער עפֿנטלעכקייט, ער איז געווען אַן אומדערמידלעכער אַגיטאַטאָר, אַ בונטאַר, געשטרעבט צו זײַן אַ העלד, צו אָרגאַניזירן גרופּעס, צו פֿירן מאַסן און צו קעמפֿן מיט די פֿײַנד אָפֿן, דירעקט, אויג אויף אויג.

פֿון די אַלע דרײַ איז זונדעלעוויטש געווען דער געפֿערלעכסטער פֿאַר דער זעלבסט־הערשאַפֿט און דער פּאָליציי. ער איז געווען אומגעהײַער נוצלעך פֿאַר דער קאָנספּיראַציע און געהיים־אָרגאַניזאַציע. זײַן אויסזען איז געווען פֿון אַ געוויינטלעכן יידישן יונגן פּריקאַזטשיק אָדער אַ קליינעם סוחר, און מחמת זײַן געשיקטקייט, זײַן פּיקחות האָט אים די פּאָליציי אַ לאַנגע צײַט ניט געקענט כאַפּן — מען האָט אים פּשוט ניט באַמערקט...

---

* אין דעם כּתבֿ־יד פֿון ג. מעמוארן, וואָס זײַנען געבליבן ניט פֿאַרענדיקט, האָבן מיר געפֿונען אַ פֿראַגמענט מיט דער היסטאָרישער כאַראַקטעריסטיק פֿון אַקסעלראָדן, זונדעלעוויטשן און ליבערמאַנען אונטער דעם אָנגעוויזענעם קעפּל.

# באַמערקונגען און דערקלערונגען

## צו די זכרונות פֿון גריגאָרי גורעוויטש

### פֿון א. טשעריקאָווער

אין די זכרונות פֿון ג. גורעוויטש ווערן דערמאָנט נעמען פֿון רוסישע און ייִדישע רעוואָלוציאָנערע טוער און שרײַבער פֿון די 70ער יאָרן, פֿאַרשיידענע רעוו׳ אויסגאַבעס, ווי אויך פֿאַקטן פֿון יענער תקופֿה, וואָס זײַנען דעם איצטיקן ייִדישן לייענער ניט גענוג באַקאַנט. מיר געפֿינען פֿאַר נייטיק דעריבער צו געבן אַ רײַ דערקלערונגען צו די דאָזיקע זכרונות, דערבײַ ווילן מיר אויך אויסבעסערן אייניקע פֿאַקטישע טעותן, וואָס זײַנען אין זיי אַרײַנגעפֿאַלן.

1 שמואל (סעמיאָן) קלאַטשקאָ — באַקאַנטער רעוואָלוציאָנערער טוער אין רוסלאַנד אָנהייב די 70ער יאָרן און שפּעטער אין דער עמיגראַציע. שטאַמט פֿון ווילנע, געב׳ 1850, געשטאָרבן 1914 אין ווין. אָנהייב די 70ער יאָרן סטודענט אין מאָסקווע, וווּ ער איז געשטאַנען בראָש פֿון די אַ״נ „טשײַקאָווצעס“. מיט אים איז עס געווען פֿאַרבונדן פֿינקעלשטיינס ערשטער אומלעגאַלער קרײַזל אין ווילנע. אין 1873 האָט קלאַטשקאָ עמיגרירט קיין אויסלאַנד, האָט אַ לאַנגע צײַט געלעבט אין פּאַריז, דערנאָך אין ווין און אין די 90ער יאָרן אין אַמעריקע. אין אויסלאַנד זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט פֿון די רוסישע עמיגראַנטן; געווען מיטאַרבעטער אין לאַווראָווס „ווּפּעריאָד“. ווײַטער, צווישן די דאָקומענטן, ברענגען מיר וועגן אים אַ מעלדונג פֿונעם שעף פֿון ווילנער זשאַנדאַרמעריע-פֿאַרוואַלטונג אין 1875. וועגן קלאַטשקאָ זע: Био-библиографич. Словарь (לעקסיקאָן פֿון די רוס׳ רעוו׳ טוער), אויסגאַבע פֿון די „פּאָליט-קאַטאָרזשאַנעס“, ב׳ 2, (70ער יאָרן), מאָסקווע 1930, נר׳ 2, ז׳ 585; בוכבינדער, די געשיכטע פֿון דער ייִד. אַרבעטער-באַוועגונג — רעגיסטער; אַפּטעקמאַנס זכרונות אין Русское Прошлое ב׳ 2 (1923), ז׳ 89 א״ו. זע אויך אויבן אונדזער אַרטיקל.

2 איוואַן ראַשעווסקי — האָט געהערט צו אַקסעלראָדס קרײַזל פֿון די „טשײַקאָווצעס“ אין קיִעוו; אַפּריל 1874 געווען אַרעסטירט און צוגעצויגן צום געריכט אין פֿאַרבינדונג מיטן אַ״נ גרויסן פּראָצעס פֿון די 193 און געווען פֿאַרשיקט. שפּעטער פּראַקטיקירט אַלס דאָקטאָר.

3 וולאַדימיר עממע — אויך פֿון אַקסעלראָדס קיִעווער קרײַזל, באַשולדיקט אין פּראָפּאַגאַנדע אין פֿאַרבינדונג מיטן פּראָצעס פֿון 193; אויך אַ פּראַקטיקירנדיקער דאָקטאָר.

4 ריכטיקער: מעדיקאָ-כירורגישע אַקאַדעמיע, שפּעטער רעפֿאָרמירט אין מיליטער-מעדיצינישער אַקאַדעמיע. אין יענע יאָרן געווען די הויפּט-הויכשול פֿאַר מעדיצין אין פּעטערבורג און דער צענטער פֿון די ראַדיקאַל- און רעוואָלוציאָנער-געשטימטע סטודענטן אין דער הויפּטשטאָט.

5 ניקאָלײַ סודזילאָווסקי (=רוסעל) — באַקאַנטער רוסישער רעוואָלוציאָנער, האָט דורכגעמאַכט אַ פֿאַנטאַסטישע און אַוואַנטוריסטישע קאַריערע. שטאַמט פֿון מאָהילעווער גוב׳ (אַ פּאָליאַק); אין 1869, אַלס סטודענט אין קיִעוו, אָרגאַניזירט אַ גרופּע צו עמיגרירן קיין אַמעריקע און אײַנאָרדענען דאָרט אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָמונע. געווען אַ מיטגליד פֿון דער אַ״נ קיִעווער „קאָמונע“, האָט געהערט צו די באַקוניסטן. אין 1875 אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, האָט זיך באַזעצט אין רומעניע, געענדיקט דאָרטן דעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט אונטער דעם נאָמען פֿון אַמעריקאַנישן בירגער דזשאָן רוסעל. אין 1881 געווען אַרויסגעשיקט פֿון דאָרטן; אין 1887 עמיגרירט קיין אַמעריקע, געוואָרן אַמעריקאַנער קאָנסול אין פֿאַרשיידענע לענדער פֿון מזרח-אַזיע, שפּעטער באַזעצט זיך אין האָנאָלולו, האַוואַיִשע אינדזלען, אין 1892 אויסגעקליבן געוואָרן דאָרטן פֿאַר אַ סענאַטאָר און דערנאָך פֿאַרן פּרעזידענט פֿון סענאַט. שפּעטער זיך באַזעצט אין יאַפּאַן און דערנאָך אין כינע. געשטאָרבן אין טיענצזין, כינע, אין 1930.

6 קאַבליק — רעוואָלוציאָנערער טוער, מיטגליד פֿון דער קיִעווער „קאָמונע“; באַקאַנט ווי אַ שריפֿטשטעלער און טעאָרעטיקער פֿון דער אַ״נ „לעגאַלער נאַראָדניטשעסטווע“. זײַן ליטעראַרישער פּסעוודאָנים איז יוזאָוו און ניט יוזליק, ווי גורעוויטש שרײַבט על-פּי טעות. אין די

80ער יאָרן איז קאַבליק געוואָרן אַן אָנהענגער פֿון דער צאַרישער רעגירונג, האָפֿנדיק פֿון איר ישועות פֿאַר די פּויערים. זע וועגן אים אין די זכרונות פֿון אַ פּ ט ע ק מ אַ ן Земля и Воля פּעטראָגראַד 1924, רעגיסטער.

7 ג ר י נ אָ ר י מ אַ ט ש ט ע ט (1852—1901)—באַקאַנטער רוסישער שרײַבער פֿון די „נאַראָד־ניקעס״. אין די יאָרן 1872—1875 האָט ער געאַרבעט אין אַמעריקע אויף פֿאַרמעס; נאָך זײַן צוריקקומען קיין רוסלאַנד געווען אַרעסטירט און פֿאַרשיקט קיין סיביר.

נאָך פֿריער—אין 1869—האָט אַ גרופּע רוסישע רעוואָלוציאָנערן געקליבן זיך פֿאָרן קיין אַמעריקע צו גרינדן לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָמונעס; דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער גרופּע סודזיִ־לאָווסקי (זע הערה 5) איז אָבער אויפֿן וועג פֿאַרבליבן אין דער שווייץ. אין 1874 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ נײַע גרופּע מיטן זעלביקן צוועק בראש פֿון איר איז געשטאַנען ק אָ ל אַ י ט ש אַ ס אָ ו ס פּ י (1850—1926) איינער פֿון די אָנגעזעענסטע רוס רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס מיט זײַן נאָמען רופֿט זיך די באַוועגונג צו טראָגן אויפֿקלערונג דורך פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף — די „טשאַיקאָווצעס״ (דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פֿון דעם ערשטן פּ ע ט ע ר ב ו ר ג ע ר קרײַזל איז געווען מאַרק נאַטאַנסאָן, אויך טשאַיקאָווסקי גופֿא, אַלעקסאַנדראָוו, סערדיוקאָוו א״אַ; פֿון די מ אָ ס ק ו ע ר—ס. קלאַטשקאָ). די גרופּע איז אין 1875 אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און האָט געגרינדעט אין שטאַט קענזאַס אַ „קאָמונע״. די דאָזיקע „קאָמונע״ איז זיך אין גיכן צעפֿאַלן, די מיטגלידער האָבן זיך אַלע אומגעקערט צוריק אַנטוישטע. טשאַיקאָווסקי גופֿא האָט פֿאַרבראַכט און אָפּגעאַרבעט אין אַמעריקע עטלעכע יאָר און אין 1879 אומגעקערט זיך קיין איירָאָפּע און זיך באַזעצט אין לאָנדאָן, ווו ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פּאָליטישער עמיגראַציע. אין 1907 האָט ער זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, אָפּגעזעסן אַ יאָר אין טורמע און באַפֿרײַט געוואָרן. נאָך דער רעוואָלוציע איז ער געשטאַנען בראש פֿון דער מעסיקער „פֿאָלקס־סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי״, אין דער צײַט פֿון בירגערקריג געווען פֿאָרזיצער פֿון דער אַ״ג אַרכאַנגעלס ער רעגירונג.

8 ס ע ט ש ע נ אָ וו (1829—1905)—„דער פֿאָטער פֿון רוסישער פֿיזיאָלאָגיע״, העלמהאָלצס תּלמיד, אַ געלערנטער מיט אַ וועלטנאָמען, זייער באַרימט אויך ווי אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר פֿון דער פֿיזיאָלאָגישער וויסנשאַפֿט. געווען באַקאַנט מיט זײַנע ראַדיקאַלע שטימונגען און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פֿון מאַטעריאַליסטישן געדאַנק צווישן דער רוסישער אינטעליגענץ אין די 60ער און 70ער יאָרן.

9 Что делать — באַרימטער ראָמאַן פֿונעם פֿאָטער פֿון רוסישן סאָציאַליזם נ י ק אָ ל אַ י ט ש ע ר נ י ש ע ווס ק י (1828—1889), אַרויס אין די 60ער יאָרן. דער ראָמאַן, וואָס האָט ניט קיין קינסטלערישן ווערט, נאָר איז וויכטיק מחמת זײַן ראַדיקאַלער טענדענץ, איז געוואָרן די פּראָגראַם פֿון דער רעוואָלוציאָנערער רוסישער יוגנט, וואָס האָט געפּרוּווט נאָכמאַכן די העלדן פֿון ראָמאַן. דער הויפּטהעלד ראַכמעטאָוו איז אָפּגעשריבן פֿון דעם פּאָליטישן עמיגראַנט ב אַ כ מ ע ט י ע וו, וואָס האָט עמיגרירט קיין אויסלאַנד נאָך סוף די 50ער יאָרן. באַכמעטיעוו איז געווען זייער אַן אָריגינעלע און אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט און האָט אויף די מאַרקיזן־אינדזלען געפּרוּווט אײַנפֿירן אַ נײַע סאָציאַל־יושרדיקע אָרדענונג צווישן די ווילדע אײַנוווינער און איז דאָרטן אומגעקומען (אין די 60ער יאָרן). וואָסער העלד אין זײַן ראָמאַן האָט טשערנישעווסקי באַשריבן פֿון סעטשענאָוון, איז ניט קלאָר.

11—10 דאָס איז דער באַקאַנטער קאַמף צווישן די צוויי וויכטיקסטע פּאָליטישע עמיגראַנטן און פֿאָרשטייער פֿון דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין יענע יאָרן: לאַווראָוו האָט געפּרעדיקט צו גיין אין פֿאָלק מיט פּ ר אָ פּ אַ ג אַ נ ד ע פֿון סאָציאַליסטישע אידעען, כּדי בהדרגה צוצוגרייטן אים צו סאָציאַליזם, און באַקונין—צו גיין אין פֿאָלק מיט אַ ג י ט אַ צ י ע פֿ ו ן א ו י פֿ־ שׂ ט אַ נ ד, ווײַל דאָס רוסישע פּויערטום איז רעוואָלוציאָנעריש לויט זײַן נאַטור און וואַרט נאָר אויף אַ געלעגנהייט. דער קאַמף פֿון די דאָזיקע צוויי ריכטונגען גייט אָן אין רוסלאַנד אין משך פֿון די 70ער יאָרן, דערבײַ איז די גרעסטע מערהייט רעוואָלוציאָנערע טוער, באַזונדערס אין דער צווייטער העלפֿט, אַ־יפֿן צד פֿון באַקונינען.

12 אבאט לאמענע (1782–1854)—פראנצויזישער שרייבער, פארשטייער פונעם א״נ „קריסטלעכן סאציאליזם״. זיין הויפטווערק „די ווערטער פון א גלייביקן״ (Les paroles d'un croyant) איז ארויס 1834; אין רוסיש דערש׳ אין פעטערבורג אין דער איבערזעצונג פון קראוטשינסקי-סטעפניאק, ליטאגראפירט, א״נ Слово верующаго к народу אין 1873—גראד אין יענעם יאר, צו וועלכן עס איז שייך די דערציילונג פון ג. גורעוויטש.

13 ניקאלאי טשארושין—רוס׳ רעוואלוציאנערער טוער פון די 70ער יארן, פון די „טשאיקאווצעס״. אין 1874 געווען ארעסטירט, איז געזעסן אין פעטראפאוולאווער פעסטונג, אנטייל גענומען אין פראצעס פון די 193, פארשיקט אויף קאטארגע ביז 1881; איצט מיטגליד פון דער געזעלשאפט „פאליטקאטארזשאנעס״ אין מאסקווע. זע זיינע מעמוארן О далеком прошлом (מאסקווע 1926).

14 מארקס׳ „קאפיטאל״ איז גראד קורץ פאר דעם—אין 1872—ארויס אין א רוסישער איבערזעצונג (נאר דער ערשטער באנד) פון ניקאלאי-אן (=נ. דניאלסאן); א טייל פונעם ערשטן באנד האט אויך איבערגעזעצט הערמאן לאפאטין.

15 סעמיאן לוריע—איינער פון די ערשטע „טשאיקאווצעס״ אין קיעוו און טעטיקער פראפאגאנדיסט, געווען סעקרעטאר פון אקסעלראדס קרייזל. לוריע האט געשטאמט פון א פאר-מעגלעכער מיוחסדיקער האלב-משכילישער פאמיליע אין קיעוו. אלס סטודענט ארייננעטראטן אין די רעוואלוציאנערע רייען. דעם 17טן אויגוסט 1874, ביים דורכפאל פון אקסעלראדס קרייזל, ווערט ער ארעסטירט—דאס איז געווען דער ערשטער פאליטישער ארעסט אין קיעוו. דעם 1טן יאנואר 1876 איז ער, מיט דער הילף פון לעוו דייטש, אנטלאפן פון טורמע קיין אויסלאנד. געענדיקט אין 1880 אין גענוא דעם מעדיצינישן פאקולטעט, מיטגעארבעט אין איטאליענישע וויסנשאפטלעכע זשורנאלן, שפעטער פראקטיקירט ווי א דאקטאר אין דער שווייץ. געשטארבן פון טובערקולאז אין קלאראן אין 1890, באגראבן אויפן יידישן בית-עלמין אין זשענעווע. זע: זכרונות וועגן אים פון נ. לעווענטאל אין Каторга и Ссылка, ב׳ 38 (1923); לעוו דייטש, די ראלע פון יידן אין דער רוס׳ רעוו׳ באוועגונג (רוסיש, בערלין 1923); אויך אלחנן קלמנסאנס ארטיקל וועגן אים אין „פרימארגן״ (ריגע), פונעם 21, 28 און 29 מאי 1928; אויך Био-библиографический Словарь ב׳ 2 (70ער יארן), ז׳ 585 (פארלאג פון די „פאליט-קאטארזשאנעס״).

16 סערגעי פאדאלינסקי—איינער פון די ערשטע אוקראינישע סאציאליסטן, מיטגליד פון דער קיעווער „אלטער הראמאדע״, דראגאמאנאוס א מיטארבעטער; מחבר פון דער אומלעגאלער בראשור אין אוקר׳ Парова машина און א ריי אנדערע. ער איז אויך געשטאנען נאענט צו די רוסישע „נאראדניקעס״ און האט ארגאניזירט אין קיעוו א קרייזל פון לאווראווס אנהענגער. א מענטש מיט גרויסע פעיקייטן, איז געשטאנען אין קארעספאנדענץ מיט מארקסן און ענגעלסן. איז פרי געשטארבן פון פסיכישער קראנקהייט. זע וועגן אים: ד. זאסלאווסקיס מאנאגראפיע וועגן דראגאמאנאוון (רוסיש, אויסג׳ פון „פאליטקאטארזשאנעס״, מאסקווע 1934—רעגיסטער).

17 דא ווערט געמיינט דער זשורנאל „וופעריאד״, וואס לאווראוו האט ארויסגעגעבן אין אויסלאנד פון 1873 אן ביזן יאר 1877 (ארויס 5 ביכלעך); אויסער דעם האט לאווראוו אויך ארויסגעגעבן א צוויי-וועכנטלעכע צייטונג אונטער דעם אייגענעם נאמען אין לאנדאן אין 1875–1876 (ארויס 47 נומערן). ביידע אויסגאבעס זיינען די וויכטיקסטע רעוואלוציאנערע ארגאנען אין די 70ער יארן.

18 שטונדיסטן (פון דייטשן „שטונדע״—שעה פאר תפילה און הייליקע שריפטן)—אן עוואנגעליש-ראציאנאליסטישע סעקטע, געגרינדעט אין 18טן י״ה אין דרום-רוסלאנד, אנט-וויקלט זיך באזונדערס אין מיטן 19טן י״ה, דער עיקר אין כערסאנער גובערניע, אונטער דער השפעה פון די דייטשע קאלאניסטן „באפטיסטן״, געגנער פון דער פראוואסלאווער קירך; שטארק גערודפט פון דער רוסישער רעגירונג; לויטן אוקאז פון 1894 צוגערעכנט צו די באזונדערס שעדלעכע סעקטעס.

19 אַלעקסעי דאַנענבערג — אַן אויסגעשלאָסענער סטודענט, שפּעטער געוואָרן אַ דאָרפֿסלערער; קיין ראָלע אין דער באַוועגונג ניט געשפּילט.

20 געוועזן צוויי ברידער אָרלאָוו, זין פֿון אַ גלח, וואָס האָבן געענדיקט די „סעמינאַריע" (פֿאַר גײַסטלעכע), ביידע געווען פֿאַרמישט אין דעם „פּראָפּאַגאַנדע; דער עלטערער, וואַסילי, שפּעטער געוואָרן דער פֿאָטער פֿון דער דאָרף־סטאַטיסטיק אין רוסלאַנד.

21 וואַסילי פֿישער — שטאַמט פֿון דײַטשן אדל; פּעטערבורגער און שפּעטער קיעווער סטודענט, טעטיקער רעוו' טוער, מיטגליד פֿון קיעווער „קאָמונע". זײַן ערעסט האָט געפֿירט צום דורכפֿאַל פֿון אַקסעלראָדס קרײַזל אין קיעוו אין אויגוסט 1874. אין 1878 פֿאַרשיקט קיין סיביר, געשטאָרבן פֿון טובערקולאָז 1879.

22 ראָזאַ שירמער (1882—1844), פֿון אַ באַאַמטן־פֿאַמיליע; האָט געהערט צום קיעווער קרײַז פּראָפּאַגאַנדיסטן; שפּעטער, אין 1879, פֿאַרשיקט קיין סיביר.

23 יעקאַטערינאַ ברעשקאָ־ברעשקאָווסקאַיאַ (לויטן מאַן, איר מיידלשער נאָמען: ווערינגאָ); געב' 1848 אין אַן אַדעליקער פֿאַמיליע; איר מאַן איז געווען אַ גוטבאַזיצער. איינע פֿון די אָנגעזעענסטע רעוואָלוציאָנערע טוערינס. אין 1873—1874 געהערט צו אַקסעלראָדס קרײַזל אין קיעוו און צו דער קיעווער „קאָמונע"; פֿאַרמשפּט אויפֿן פּראָצעס פֿון 193 אין יאָר 1877 צו 5 יאָר קאַטאָרגע; אין 1881 פֿאַרן פּרוּוו צו אַנטלויפֿן פֿאַרמשפּט אויף נײַע 4 יאָר. שפּעטער געהערט צו די גרינדער פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און איר באַקאַנטער טעראָריסטישער „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע". אין 1907 ווידער אַרעסטירט און פֿאַרשיקט קיין סיביר. געשטאָרבן אין 1934 אין אַ דאָרף בײַ פּראָג.

24 וועגן די לעווענטאַלס זע: ביאָ־ביבליאָגר' לעקסיקאָן (רוס'), ב' 2; ל. דײַטש, דצ"וו; נ. לעווענטאַלס בראָשור זכרונות (רוס', מאָסקווע 1927).

25 דער מחבר איז דאָ מרמז דערויף, וואָס בעת די אַרעסטן צווישן די רוסישע „ניהיליסטן" אין בערלין, אין 1878, האָט די פּרײַסישע פּאָליציי אומזיסט אַרומגעזוכט אין קיניגסבערג און בערלין „דוד גורעוויטשן", ניט וויסנדיק, אַז אונטער דעם נאָמען האָט גאָר געווױנט אַהרן זונדעלעוויטש, וועלכער האָט אויסגענוצט דעם פּאַס פֿון ג. גורעוויטשעס ברודער פֿאַר זײַנע קאָנספּיראַטיווע נסיעות. זע: ג. גורעוויטשעס זכרונות אין „היסטאָרישן פּנקס" ב' 2 (וואַרשע 1924), ז' 109. אויך אַרט' פֿון פּנחס קאָן אין דעם באַנד.

26 נ. סאָקאָלאָווס ווערק (די אָפּטרינניקעס) Отщепенцы איז געווען זייער פּאָפּולער אין די ראַדיקאַלע קרײַזן. צוערשט אַרויס אין 1866 אין פּעטערבורג לעגאַל, אָבער די רעגירונג האָט באַלד פֿאַרטיליקט די אויסגאַבע; אין 1872 איבערגעדרוקט געוואָרן אין ציריך און פֿלעגט פֿון דאָרטן אומלעגאַל טראַנספּאָרטירט ווערן קיין רוסלאַנד. זע: Русская подпольная и зарубежная печать, ביבליאָגראַפֿישער אָנווײַזער, ב' 1 (ביז סוף 70ער יאָרן), פֿאַרל' „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס", מאָסקווע, 1935, ז' 120.

27 דער מחבר מאַכט דאָ אַ טעות בנוגע זײַנע אייגענע אַרטיקלען: זײַנע אַרטיקלען Записки отщепенца זײַנען געווען געדרוקט אין „וואָסכאָד" אין 1884 (נר' 3, 5 און 6) און ניט אין 1883.

28 אָסטאַפּ טערלעצקי — איינער פֿון די ערשטע סאָציאַליסטן אין גאַליציע, הויפּטטוער פֿון דעם אוקר' סטודענטישן קרײַזל אין ווין, וואָס איז באַשטאַנען פֿון גאַליציאַנער. טערלעצקי איז געווען אַן אָנהענגער פֿון דראַגאָמאַנאָוון; האָט צוזאַמען מיט פּאַדאָלינסקין אַרויסגעגעבן די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשורן אין אוקראַיִניש. זע די דערמאָנטע מאָנאָגראַפֿיע פֿון ד. זאַסלאַווסקי וועגן דראַגאָמאַנאָוון, ז' 142.

29 דמיטרי דראַגאָמאַנאָוו (1841 — 1895) — באַרימטער אוקראַיִניש־רוסישער פּובליציסט, געלערנטער און פּאָליטישער טוער. פֿאַר זײַן ראַדיקאַליזם האָט אים די רעגירונג דערווײַטערט פֿון קיעווער אוניווערסיטעט, ווו ער איז געווען דאָצענט; פֿון 1876 געוואָרן פּאָליטישער עמיגראַנט, געלעבט אין זשענעווע, שפּעטער, אין 1884, געוואָרן פּראָפֿעסאָר פֿון געשיכטע אין סאָפֿיער אוניווערסיטעט, בולגאַריע. דראַגאָמאַנאָוו איז דער פֿאָטער פֿון דער ראַדיקאַלי-

נאַציאָנאַלער אוקראַיִנישער באַוועגונג, איײניקע האַלטן אים פֿאַרן ערשטן אוקראַיִנישן סאָציאַליסט, אַנדערע ווידער פֿאַרן פֿאָטער פֿון רוסישן ליבעראַל־קאָנסטיטוציאָנעלן געדאַנק. ער איז געווען דער ערשטער טעאָרעטיקער פֿון פֿעדעראַליזם אין רוסלאַנד. ער איז אויך געשטאַנען נאָענט צו דער רוסישער ראַדיקאַלער באַוועגונג, האָט פֿאַרפֿאַסט אַ רייַ רוס׳ רעוואָלוציאָנערע בראָשורן, וואָס זײַנען אָפּגעדרוקט אין אויסלאַנד, האָט אַרויסגעגעבן אין זשענעווע אין רוסיש די „וואָלנאָיע סלאָוואָ״ (1881—1883) און אויך אין אוקראַיִניש די „הראָמאַדאַ״ (1878—1882). ער איז דער מחבר פֿון אַ רייַ ווערק וועגן אוקראַיִנישער עטנאָגראַפֿיע, ליטעראַטור, פּאָליטישער געשיכטע און אוקר׳ פֿראַגע בכלל. וועגן זײַן באַציִונג צו דער ייִדן־פֿראַגע זע זאַסלאַווסקיס מאָנאָגראַפֿיע. די ליטעראַטור וועגן דראַגאָמאַנאָוון איז זייער גרויס; זע Био-библиогр. Словарь ב׳ 3 (80ער יאָרן), נר׳ 2, ז׳ 1230, וווּ די ליטעראַטור וועגן אים פֿאַרנעמט 10 שפּאַלטן; דער וויכטיקסטער מקור איז: ד. זאַסלאַווסקיס מאָנאָגראַפֿיע „ד. דראַגאָמאַנאָוו״, מאָסקווע 1934, פֿאַרל׳ פֿון „פּאָליט־קאַטאָרזשאַנעס״.

30 „אײַזענאַכער״ האָבן זיך גערופֿן די אָנהענגער פֿון מאַרקסן און דעם 1טן אינטערנאַציאָנאַל אין דײַטשלאַנד, וואָס האָבן אין 1869 געגרינדעט אין אײַזענאַך די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און געפֿירט אַ קאַמף קעגן די „לאַסאַלעאַנער״ פֿונעם „אַלגעמיינעם דײַטשן אַרבעטער־בונד״. דער צענטראַל־אָרגאַן פֿון די „אײַזענאַכער״ איז געווען דער „פֿאָלקסשטאַאַט״, רעדאַגירט פֿון ליבקנעכטן און בעבעלן. אין 1875, אין גאָטאַ, האָבן זיך דיביידע אָרגאַניזאַציעס צונויפֿגעגאָסן אין איין דײַטשער ס״ד פּאַרטיי.

31 יואל עפּראָן—שטאַמט פֿון ווילנע, פֿון אַ פֿאַרמעגלעכער פֿאַמיליע, געווען סטודענט פֿון בערלינער אוניווערסיטעט פֿון 1874 און האָט געהערט צו דעם רוסיש־ייִדישן קרײַזל, צו וועלכן עס האָט געהערט אויך זײַן חבֿר גורעוויטש. האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין רוסישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט; אין 1876 געווען אין רוסלאַנד אַרעסטירט און איז אָנהייב 1879 אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, תּחילת קיין בערלין, דערנאָך קיין ציריך, וווּ ער האָט געענדיקט דעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט; שפּעטער באַזעצט זיך אין פּאַריז, וווּ ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט מעדיצינישער פּראַקטיק. זע וועגן אים אין ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן (רוס׳), ב׳ 2 (70ער יאָרן), ז׳ 2106, און די זכרונות פֿון ג. גורעוויטש אין „יעווּר׳ סטאַרינאַ״, ב׳ 10 (1918).

32 געמיינט—אַהרן בערנשטיין (1812—1884), גרינדער פֿון דער בערלינער טעגלעכער „פֿאָלקסצייטונג״ און באַקאַנטער שריפֿטשטעלער, מחבר אין דײַטש פֿון אַ רייַ נאָוועלן פֿון דעם ייִדישן לעבן אין פּויזן („מענדל־גבור״, „פֿייגעלע־מגיד״ א״אַ).

33 וועגן הערמאַן זאַקן אין די מאַטעריאַלן פֿון פּרײַסישן געהיימען מלוכה־אַרכיוו, וועלכע מיר האָבן בדעה בקרובֿ צו פֿאַרעפֿנטלעכן אינעם ליבערמאַן־בוך.

34 דמיטרי קלעמענס (איינגנטלעך: קלעמענץ)—איינער פֿון די אָנגעזעענסטע רעוואָלוציאָנערע טוער אין די 70ער יאָרן. פֿון רוסיפֿיצירטע דײַטשן; געב׳ 1848, געשט׳ 1914. אַלס סטודענט אין פּעטערבורג געהערט צו נאַטאַנסאָנס קרײַזל; אַן ענערגישער פּראָפּאַגאַנדיסט, אין 1875 אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד—קיין בערלין און שפּעטער פּאַריז. אין 1878 געקומען אומלעגאַל קיין רוסלאַנד און געוואָרן רעדאַקטאָר פֿון דעם אָרגאַן „זעמליאַ אי וואָליאַ״, האָט אויך מיטגעאַרבעט אין די לעגאַלע זשורנאַלן. אין 1879 געווען אַרעסטירט, געזעסן אין פּעטראָפּאַוולאָווער פֿעסטונג און פֿאַרשיקט קיין סיביר. שפּעטער געוואָרן אַ באַרימטער עטנאָגראַף, שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג. אין דער רוס׳ ליטעראַטור ווערט קלעמענצס נאָמען זייער אָפֿט דערמאָנט; זע Био-библиограф. Словарь פֿנל׳ פֿאַרל׳ פֿון „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס״, ב׳ 2, נר׳ 2, ז׳ 576.

35 דאָס איז אַ טעות. קלעמענץ איז ניט געווען דער רעדאַקטאָר פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און האָט עס ניט געקענט זײַן, מחמת די דאָזיקע פּאַרטיי האָט זיך געגרינדעט ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך זײַן אַרעסט. ווי מיר האָבן אָנגעוויזן אויבן, איז ער געווען רעדאַקטאָר פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ״.

36 „אָטעטשעסטווענניע זאַפּיסקי״—איינער פון די וויכטיקסטע רוסישע זשורנאַלן; געגר׳ נאָך אין 1839 (פּעטערבורג), אָבער באַזונדערס אויסגעוואַקסן אין די 60ער יאָרן און שפּעטער, ווען בראָש זײַנען געשטאַנען שטשעדרין, נעקראַסאָוו און מיכאַילאָווסקי. אין די 70ער יאָרן געוואָרן דער הויפּטאָרגאַן פון דער לעגאַלער „נאַראָדניטשעסטווע״ און געהאַט אַן אומגעהײַערע השפּעה אויף דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ פון יענער צײַט. אין 1882 פאַרמאַכט געוואָרן פון דער רעגירונג.

37 וואַסילי בערווי, ליטעראַרישער פּסעוודאָנים: פלעראָווסקי (1829—1918)— אָנגעזעענער רעוו׳ פּובליציסט און סאָציאָלאָג אין די 70ער יאָרן. שטאַמט פון רוסיפיצירטע דײַטשן, אַ זון פון אַ פּראָפעסאָר, באַאַמטער פון יוסטיץ־מיניסטעריום, איז אַריבער צו די רעוואָלוציאָנערן און איז פיל מאָל אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן. איז באַזונדערס באַקאַנט מיט זײַנע צוויי ווערק, וואָס זײַנען געווען זייער פּאָפּולער אין די ראַדיקאַלע קרײַזן פון די 70ער יאָרן: „די לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד״ און „דער אַלף־בית פון דער סאָציאַלער וויסנשאַפט״; דאָס לעצטע, אַרויס 1871, איז תיכף פאַרטיליקט געוואָרן פון דער רעגירונג. זע וועגן אים אין אַפּטעקמאַנס זכרונות Земля и Воля (פּעטראָגראַד 1924—רעגיסטער) און ביאָ־ביבליאָגראַפישן לעקסיקאָן (רוס׳), ב׳ 2, נום. 1, ז׳ 106.

38 גלעב אוספּענסקי (1843—1902)—דער אָנגעזעענסטער שרײַבער אין דעם לאַגער פון די נאַראָדניקעס און איינער פון די באַקאַנטסטע אין רוסלאַנד בכלל. זײַנע דערציילונגען פונעם רוסישן שטייגער לעבן און זײַן כאַראַקטעריסטיק פון די סאָציאַלע טיפּן זײַנען געווען זייער פּאָפּולער און האָבן ניט פאַרלאָרן זייער ווערט ביז איצט.

39 ניקאָלאַי מאָראָזאָוו (געב׳ 1854)—איינער פון די אָנגעזעענסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, מיטגליד פון אויספיר־קאָמיטעט פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און רעדאַקטאָר פון איר צענטראַל־אָרגאַן. אין 1881 אַרעסטירט, פאַרמשפּט צום טויט, פאַרביטן אויף אייביקער קאַטאָרגע, אָפּגעזעסן אין שליסעלבורגער פעסטונג 20 יאָר, באַקאַנט אויך מיט זײַנע וויסנשאַפטלעכע ווערק.

40 הערמאַן לאָפּאַטין (1845—1918)—אויך איינער פון די זײַלן פון דער רעוו׳ באַוועגונג און מיטגליד פון אויספיר־קאָמיטעט פון „נאַר׳ וואָליאַ״; געשטאַנען בראָש פון דער טעראָריסטישער אַרבעט ביזן יאָר 1884, ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרן, פאַרמשפּט צום טויט, אָנשטאָט דעם פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע און געזעסן אין שליסעלבורגער פעסטונג ביז 1905. לאָפּאַטין, איינער פון די געבילדעטסטע צווישן די רעוו׳ טוער, האָט איבערגעזעצט טײלן פון מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל״.—זײַן יינגערער ברודער וסעוואָלאָד איז אַ טעטיקער רעוואָלוציאָנערער טוער אין די 70ער יאָרן; אין 1873 האָט ער געהערט אין קיעוו צו אַקסעלראָדס קרײַזל, שפּעטער געווען פאַרשיקט.

41 מיכאַיל סאַזשין (1845–1934)–פון די עלטסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, נאָך אין די 60ער יאָרן. אין 1869 אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, ווו ער האָט געלעבט אונטערן נאָמען אַרמאַן ראָס. שפּעטער אַריבערגעפאָרן אין דער שווייץ, איז געוואָרן באַקונינס סעקרעטאַר און זײַן נאָענטסטער מיטאַרבעטער. האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פּאַריזער קאָמונע, אין דעם 1טן אינטערנאַציאָנאַל און בכלל אין אַלע רעוואָלוציאָנערע אַקציעס פון באַקונינען אין יענע יאָרן. אין 1876 געקומען אומלעגאַל קיין רוסלאַנד, דאָ געוואָרן אַרעסטירט, פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע, שפּעטער לאַנג געלעבט אין סיביר, נאָך דער רעוואָלוציע 1905 אַריבערגעפאָרן קיין פּעטערבורג.

42 סערגעי קראַווטשינסקי, ליטעראַרישער פּסעוודאָנים סטעפּניאַק—פון די אָנגעזעענסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן און רעוו׳ שרײַבער, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ שטורעמדיקע קאַריערע. געווען איינער פון די טעטיקסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן אין די 70ער יאָרן. דעם 4טן אויגוסט 1878 דערשטאָכן אין מיטן גאַס דעם שעף פון זשאַנדאַרמעריע מעזענצעוו און אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, ווו ער איז שוין פאַרבליבן. נאָך פריער, אין 1877, זיך באַטייליקט אין איטאַליע אין אַן אויפשטאַנד און אָפּגעזעסן 9 חדשים אונטער דער סכנה פון טויטשטראָף. אין 1884 פאַרלאָזן שווייץ, ווײַל די רוסישע רעגירונג האָט געפאָדערט מען זאָל אים אַרויסגעבן, באַזעצט

זיך אין לאָנדאָן. אין 1895 האָט אים דאָ אויף טויט איבערגעפֿאָרן אַ צוג; געשטאָרבן צו 44 יאָר. קראַווטשינסקי איז געווען דער מחבר פֿון אַ רייִ רעוואָלוציאָנערע בראָשורן; אין די 80ער יאָרן געוואָרן באַזונדערס פּאָפּולער מיט זײַנע באַקאַנטע ווערק פֿון דעם לעבן פֿון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, אונטער דעם פּסעוודאָנים „סטעפּניאַק" („דאָס אונטערערדישע רוסלאַנד", „אַנדריי קאָזשוכאָוו" א״אַ).

43 וועגן אַבאַ (אַפּאָלאָן) פֿינקעלשטיין זײַנען פֿאַראַן זייער ווייניק ידיעות; זע וועגן אים קורץ אין אונדזער אַרטיקל וועגן דעם אָנהייב פֿון דער ייִדישער סאָציאַל באַוועגונג אין די „היסטאָרישע שריפֿטן" ב' 1; אויך „לעקסיקאָן" פֿון ז. רייזען, ב' 3. פֿאַראַן אויך ידיעות אין אַרכיוו פֿון ג. גורעוויטשן.

44 אַננאַ (חנה) עפּשטיין—שטאַמט פֿון ווילנע. די ערשטע ייִדישע פֿרוי אין אַ רוסישער הויכשול (מעדיצינישע קורסן אין פּעטערבורג) און איינע פֿון די ערשטע—אויב ניט די ערשטע—ייִדישע רעוואָלוציאָנערין; האָט זיך פֿאַרנומען דער עיקר מיט אומלעגאַל טראַנספּאָרטירן איבערן גרענעץ ליטעראַטור און אַנטלאָפֿענע רעוואָלוציאָנערן (מען האָט זי גערופֿן „די הויפּט־קאָנטראַבאַנדיסטקע און באַרעמהאַרציקע שוועסטער פֿון דער רעוואָלוציע"); אין דעם פּרט איז זי געווען די לערערין פֿון זונדעלעוויטשן. דורך איר האָט זונדעלעוויטש אויך פֿאַרבונדן זײַן באַקאַנטקרײַזל אין ווילנע (דורכגעפֿאַלן אין 1875) מיט די פּעטערבורגער „טשײַקאָווצעס". אין 1878 האָט אַננאַ עפּשטיין עמיגרירט קיין אויסלאַנד און געלעבט אין זשענעווע, האָט ניט געהערט צו קיין פּאַרטיי, איז אָבער געווען די פֿאַרמיטלערין צווישן די עמיגראַנטן און די טוער אין רוסלאַנד. נאָך די פּאָגראָמען פֿון די 80ער יאָרן אין גאַנצן אַוועק פֿון דער באַוועגונג. האָט זיך פֿאַרנומען אין אויסלאַנד מיט מעדיצינישער פּראַקטיק און איז געשטאָרבן אין ווין אין 1895. אַננאַ עפּשטיין איז געווען די פֿרוי פֿון באַקאַנטן רוס' רעוואָלוציאָנער קלעמענץ (זע אויבן, הערה 34). די ליטעראַטור וועגן איר זע אין Био-библиографический Словарь, באַנד 2, נר' 4, ז' 2130; זע אויך דעם אַרט' פֿון א. טשעריקאָווער וועגן דעם אָנהייב פֿון דער סאָצ' באַוועגונג אין די „היסטאָרישע שריפֿטן", ב' 1, ז' 471 א״הו, און אויך די זכרונות פֿון זונדעלעוויטשן אין „פֿאָרווערטס" (נ״י), 14 יאַנואַר 1917, פֿאַרשריבן פֿון ל. דייַטש, און דעם ז״ב „חילוק" (ניו־יאָרק 1935), ז' 101 א״ו.

45 זונדעלעוויטש האָט אַריבערגעבראַכט פֿון אויסלאַנד דרײַ געהיימע דרוקערײַען: איינע אין 1877 פֿאַר דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", די צווייטע קאָנטיק אין מאַי 1878 — זיי זײַנען אַריבער צו דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" און נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", און אַ דריטע, ספּעציעל פֿאַר דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" — דאָס איז די באַקאַנטע דרוקערײַ אין סאַפּיאָרן־פּערעולאָק, וווּ ס'האָט געאַרבעט לייזער צוקערמאַן און וואָס איז דורכגעפֿאַלן אין יאַנואַר 1880. דער געדאַנק צו באַנוצן פֿאַר טעראָריסטישע אַקטן דינאַמיט אָנשטאָט אַ רעוואָלווער געהערט זונדעלעוויטשן (זע ל. דייַטש זכרונות וועגן ז. אין Каторга и Ссылка נ' 8, 1924, ז' 213 א״ה): אין 1879 איז ער געפֿאָרן אין דער שווייץ און האָט דורך קראַפּאָטקינען באַקומען מוסטערן פֿון דינאַמיט און געבראַכט קיין פּעטערבורג, און לויט זײַן איניציאַטיוו האָבן די רעוואָלוציאָנערן אָנגעהויבן אַרויסאַרבעטן דינאַמיט אין רוסלאַנד גופֿא; פֿגל' די ביאָגראַפֿיע פֿון זונדעלעוויטשן אין Био-библиогр. Словарь ב' 3 (80ער יאָרן), נ' 2.

46 „ראַבאָטניק"—די ערשטע רוסישע רעוו' צײַטונג ספּעציעל פֿאַר אַרבעטער, אַרויסגעגעבן אין 1875—1876 אין זשענעווע פֿון אַ גרופּע רוסישע אַנאַרכיסטן

47 דאָ איז קאָנטיק אַ טעות: אַן אומלעגאַלע בראָשור מיט אַזאַ נאָמען („סקאַזקי דיעדושקי נאַומאַ") איז קיין מאָל ניט געווען געדרוקט, זיכער מיינט דאָ דער מחבר די בראָשור Сказки о мудрице Наумовне פֿון קראַווטשינסקי־סטעפּניאַק, אַרויסגעגעבן אין 1875 פֿון „וופּעריאָד" אין לאָנדאָן מיט אַ פֿאַלשן שער־בלאַט פֿון מאָסקווע; זע Русская подпольная и зарубежная печать. Библиогр. указатель, ב' 1, אַרויסג' פֿון „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס" מאָסקווע 1935, ז' 68.

די דערמאָנטע בראָשור „כיטראַיאַ מעכאַניקאַ" (Хитрая механика) איז איינע פֿון די פּאָפּולערסטע אומלעגאַלע בראָשורן, געדרוקט צום ערשטן מאָל אין 1874 אין ציריך (די

צווייטע—1875 — אין זשענעווע). אין דער דרוקעריי פון „חפעריאר", און איז אין משך פון צענדליגער יארן—ביזן 1917—אן א צאל מאל איבערגעדרוקט געווארן. דער מחבר איז איינער ח. וואראזאר, א יונגער אינזשעניער, א רעוו' טוער, שפעטער געווארן דער פאטער פון אינדוסט־ריעלער סטאטיסטיק אין רוסלאנד. אויפן שער־בלאט איז אנגעגעבן אלס מחבר „אנדרעי איוואנאוו"; זע: Русская подп. и заруб. печать ב' 1, ז' 31.

48 זעמפירי ראללי—איינער פון די ערשטע רעוואלוציאנערן; געב' 1847 אין בעסא־ראביע; האט געהערט צו נעטשאיעווס גרופע. אין 1871 עמיגרירט אין דער שווייץ, געשפילט א גרויסע ראלע אין דער עמיגראציע; צוגעשטאנען צו באקונינען, זיך באטייליקט אין 1טן אינטערנאציאנאל, איינער פון די ארויסגעבער פון אנארכיסטישן „ראבאטניק" (זע הערה 46). אין 1879 באזעצט זיך אין רומעניע, אנגענומען דעם נאמען ארבארע, רעדאקטירט דא אייניקע רעוו' אויסגאבעס.

49 ניקאלאי זשוקאווסקי (1842 – 1895)—אויך פון די אנגעזעענע באקוניסטן, מיטגליד פון אינטערנאציאנאל, איינער פון די ערשטע עמיגראנטן (פון 1862), געלעבט אין דער שווייץ, רעדאקטאר פון „נאראדנאיע דעלא" און „אבשטשינא".

50 יאקאוו סטעפאנאוויטש (1853—1915)—באקאנטער רעוואלוציאנערער טוער אין די 70ער און 80ער יארן. צוזאמען מיט ל. דייטשן און באכאנאווסקין געמאכט א פרוו אויפצוהייבן א בונט צווישן די פויערים אין טשיהירינער אויעזד דורך א פאלשן צארישן מאניפעסט (א"ג „טשיהירינער אפערע" אין 1877), ארעסטירט, אנטלאפן פון טורמע קיין אויסלאנד, אין 1879 אומלעגאל אומגעקערט זיך צוריק, צוגעשטאנען תחילת צום „טשארני פערעדעל" און אין 1881 אריבער צו „נאראדנאיא וואליא", געווען מיטגליד פון „איספאלניטעלני קאמיטעט". אין 1882 ארעסטירט און פארשיקט אויף 8 יאר קאטארגע.

51 טשערקעזאוו (1846—1926), שטאמט פון קאווקאז—א געזעענער רוסישער אנארכיסט; פארמישט אין קאראקאזאווס אטענטאט אויפן צאר 1866, געווען פארבונדן אויך מיט נעטשאיעווס גרופע. פארשיקט אין 1871 קיין סיביר, אין 1876 אנטלאפן קיין אויסלאנד. געארבעט אין לאנדאן אין דער דרוקעריי פון „וופעריאד", געווען באפריינדעט מיט אהרן ליבערמאנען.

52 אהרן ליבערמאן איז דאס ערשטע מאל געקומען קיין בערלין ניט „ארום 1876", נאר אין יולי—אויגוסט 1875, אויפן וועג פון ווילנע—קיניגסבערג קיין לאנדאן. דאס צווייטע מאל איז ער דא געווען אין מאי—יוני 1876, אויף דער בעראטונג פון דער בערלינער גרופע, און דאס דריטע מאל האט ער פארבראכט אין בערלין יאנואר—מערץ 1877—נאך דעם, ווי ער האט פאר־לאזן לאנדאן און האט זיך געקליבן קיין ווין ארויסצוגעבן דעם „האמת". דאס פערטע מאל האט מען אים קיין בערלין געבראכט אן ארעסטירטן, אין יאנואר 1879, און ער איז שוין דא פארבליבן אין תפיסה ביז סוף דעצעמבער דעם יאר; נאך דער באפרייונג איז ער, ווי באוווּסט, אוועקגעפארן קיין לאנדאן און דערנאך קיין אמעריקע, ווו ער האט זיך גענומען דאס לעבן.

53 קרעמענעצקי—טעאדאר הערצלס א נאענטער פריינד און פון די ערשטע ציוניס־טישע עסקנים. האט זיך נאטוראליזירט אין עסטרייך, געלעבט אין ווין, ווו ער איז מיט א פאר יאר צוריק געשטארבן.

54 וואסילי איוואנאווסקי (1846—1911)—א זון פון א גלח; איינער פון די ערשטע „טשאיקאווצעס" אין פעטערבורג און ענערגישער פראפאגאנדיסט, באזונדערס פאפולער צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. באקאנט אונטער זיין פארטיי־צונאמען „וואסילי וועליקי". אין 1875 געזעסן אין פעטראפאוולאווער פעסטונג; אין יאנואר 1877 נאך דער באפרייונג אנטלאפן קיין אויסלאנד, אויפן וועג א שטיקל צייט געלעבט אין בערלין. שפעטער באזעצט זיך אין רומעניע, ווו ער האט פראקטיקירט אלס דאקטאר, געשטארבן אין בוקארעסט. איוואנאווסקי איז א שוואגער פון באריומטן רוסישן שרייבער קאראלענקא. די פאמיליע איוואנאווסקי איז באקאנט מיט אירע רעוו' טוער.

55 מיר ברענגען דאָ ניט קיין ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן די דאָזיקע דריי אָנגעזעענסטע ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, מחמת זייער צו גרויסער וויכטיקייט, וואָס פֿאָדערט אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג. וועגן זיי איז שוין פֿאַראַן אַ גאַנץ רייַכע ליטעראַטור:

די ליטעראַטור וועגן פּ. אַ ק ס ע ל ר אָ ד ן איז אָנגעוויזן אין זייַן ביאָגראַפֿיע אין דעם 5טן באַנד פֿון Био-библиографич. Словарь (די כאָצ־דעמאָקראַטן), העפֿט 1, ז' 44 א״ח, וווּ די ביבליאָגראַפֿיע אַליין פֿאַרנעמט כמעט דרייַ שפּאַלטן געדריקטן זאַץ; זע אויכעט דעם דאָס בוך פֿון אַקסעלראָדן גופֿא Пережитое и передуманное (ב' 1, בערלין 1923), וואָס טראָגט אַן אויטאָביאָגראַפֿישן כאַראַקטער; זייער וויכטיק זייַנען אויך אַקסעלראָדס בריוו, וואָס זייַנען אַרייַן אין די צוויי בענד Из архива П. Аксельрода и Ю. Мартова און Письма П. Аксельрода (בערלין 1924).

די ליטעראַטור וועגן א. ז ו נ ד ע ל ע װ י ט ש ן איז אָנגעגעבן אין Био-библиограф. Словарь ב' 3 (די 30ער יאָרן), נר' 2. אין ייִ ד י ש זייַנען וויכטיק: דער אַרט' פֿון א. ל י ט װ אַ ק אין „רויטן פּנקס" ב' 2 (וואַרשע 1924), ז' 80—106, די סעריע אַרטיקלען אין „פֿאָרווערטס" (ניו־יאָרק), פֿאַר יאַנואַר—פֿעברואַר 1917, פֿון ל ע ה ד ר י ט ש אײַפּן סמך פֿון זײַנע שמועסן מיט זונדעלעוויטשן און אַרט' פֿון ד. ש ו ב אין ז״ב „ווילנע" (נ״י 1936), ז' 96—126.

די ליטעראַטור וועגן אַ. ל י ב ע ר מ אַ נ ע ן איז זייער אַ רײַכע, דער עיקר אין ייִדיש און העברעיִש; פֿגל' די בראָשור „חיי א. ש. ליברמן" פֿון צ בֿ י ק ר אָ ל, תּל־אָבֿיבֿ תּרצ״ב (ז' 25—29), אָבער פֿון דעמאָלט אָן איז די ליטעראַטור שטאַרק אויסגעוואַקסן.

56 אַ טעות: פּ. אַקסעלראָדס פֿאָטער איז געווען אַן אָרעמער קרעטשמער אין אַ דאָרף בײַ פּאָזנעס, טשערניג' גוב'; שפּעטער, צו 9 יאָר, איז אַקסעלראָד אַריבערגעפֿאָרן לערנען אין שקלאָוו.

57 אַ. ליבערמאַנס פֿאָטער איז געווען אַן אָרעמער ישיבֿה־בחור, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַן איידעם בײַ ר' איצעלע, דעם רבֿ פֿון לונע, גראָדנער גוב', וווּ אַהרן ל. איז געבוירן געוואָרן אין 1844.

# גריגאָרי גורעוויטש

## (ביאָגראַפֿישע ידיעות)

גריגאָרי גורעוויטש איז אין די 70ער יאָרן און אָנהייב די 80ער געווען אַ באַקאַנטע פֿיגור צווישן די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע טוער, ענג פֿאַרבונדן מיט זײַן לערער און חבֿר פּאַוועל אַקסעלראָד און אויך מיט ליבערמאַנען און זונדעלעוויטשן, און איז דער עיקר געווען טעטיק אין אויסלאַנד, חוץ דעם קורצן קיעווער פּעריאָד. גורעוויטש איז אויך דער מחבר פֿון אַ רײַ אַרטיקלען וועגן יענע יאָרן, אייניקע פֿון זיי געחתמעט מיט דעם פּסעוודאָנים גרשון באַדאַנעס.

אין די דאָזיקע אַרטיקלען און באַזונדערס אין די זכרונות, וואָס מיר דרוקן דאָ פֿון זײַן כּתבֿ־יד, האָט גורעוויטש גאַנץ אויספֿירלעך באַשריבן אַ רײַ מאָמענטן פֿון זײַן לעבן. אָבער ווײַט ניט אַלע. אין די פּאַפּירן, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן נאָך זײַן טויט און וואָס געפֿינען זיך איצט אין אונדזער רשות, האָט זיך אויפֿגעזוכט אַן „אויטאָביאָגראַפֿישע נאָטיץ" (אין רוסיש), געשריבן מיט זײַן האַנט. הגם דאָס רובֿ ידיעות, וואָס ווערן דאָ אָנגעגעבן, זײַנען שוין באַקאַנט פֿון זײַנע זכרונות, ברענגען מיר דאָך די נאָטיץ אין גאַנצן, אָן קיצורים[1]:

„געבוירן געוואָרן אין יאָר 1852 אָדער 1854 (גענוי ווייס איך ניט)[2] אין מאָהילעוו אויפֿן דניעפּער בײַ עלטערן, וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מסחר. ביז 14 יאָר געלערנט אין דער היים,

1 דער מאָדנער, אומפּערזענלעכער כאַראַקטער פֿון דער נאָטיץ נעמט זיך דערפֿון, וואָס גורעוויטש שרײַבט וועגן זיך, ווי וועגן אַ דריטער פּערזאָן (ווי מ'קען פֿאַרשטיין, האָט ער דעם מאַטעריאַל צוגעגרייט פֿאַר זײַן נעקראָלאָג).

2 לויט די אַקטן פֿון זײַן פּראָצעס אין בערלין, איז ג. געבוירן געוואָרן 1852; דאָס יאָר 1852 איז אויך אָנגעגעבן אין „ביאָ־ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן" (פֿאַרל' „כּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"), ב' 2, נר' 1, ז' 325, אויך בײַ ל. דײַטשן אין „צוקונפֿט" (ניו־יאָרק) 1916 ז' 778.

דערנאָך געווען אָפּגעשיקט לערנען אין אַ ייִדישן קאָמערציאַל־פּאַנסיאָן אין דייטשלאַנד, בײַם מאַין, בשכנות מיט פראַנקפורט. נאָכן ענדיקן דעם קורס אין פּאַנסיאָן אומגעקערט זיך קיין רוסלאַנד און גענומען זיך גרייטן אין אוניווערסיטעט, געהאַלטן עקזאַמען תחילת אין נעזשינער יורידישן ליצײ [אַ הויכשול], וווּ עס האָט שטודירט פּאַוועל אַקסעלראָד, און מיט זײַן הילף. אָבער ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף מאַטעמאַטיק און געפאָרן עקזאַמענירן זיך אין זשיטאָמירער ראַבינער־שול, אויסגעהאַלטן דעם אַרויסלאָז־עקזאַמען,[3] באַקומען אַן אַטעסטאַט און אָנגעגעבן די פּאַפּירן אין קיעווער אוניווערסיטעט. דער רעקטאָר בונגע האָט געענטפערט, אַז אויב מ׳זאָל אויסהאַלטן אַ הוספה־עקזאַמען אויף לאַטײַניש, קען מען אָנגענומען ווערן אין אוניווערסיטעט. אָנגעהויבן זיך צו גרייטן צום לאַטײַנישן עקזאַמען און דערווײַל פאַרשריבן זיך ווי אַ פרײַער צוהערער אויפן יורידישן פאַקולטעט.

אין יענער צײַט האָט פּ. אַקסעלראָד און זײַנע חברים נאָך פון דער מאָהילעווער גימנאַזיע — די ברידער לעווענטאַל, ד. עליאַסבערג און אַנדערע — געגרינדעט (אין קיעוו) קרײַזלעך פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע אידעען, צו וועלכע [גורעוויטש] איז אויך צוגעשלאָגן. אין יאָר 1873, בעת דער סעקרעטאַר פון קרײַזל ס. לוריע איז אַרעסטירט געוואָרן, אַוועקגעפאָרן קיין ווין מיטן פּאַס פון ברודער דוד. אין ווין שטודירט מעדיצין און באַקאַנט זיך מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און באַפרײַנדעט זיך מיטן אַרבעטער־פירער אַנדרעאַס שײַ. האַרבסט 1874 אַריבערגעפאָרן קיין בערלין, ווּהין עס האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפפאָרן אַלע מיטגלידער פון קרײַזל, וואָס זײַנען אַנטלאָפן פון קיעוו. באַפרײַנדעט געוואָרן מיט די בערלינער פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, באַזונדערס מיט עד. בערנשטיין און יאָהאַן מאָסט און געוואָרן אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער אין די פּאַרטיי־אָרגאַנען. געטראָפן זיך מיט אַלע דײַטשע אַרבעטער־פירער, באַזונדערס מיט בעבעלן און ליבקנעכטן.

אין 1878 געווען אַרעסטירט אין בערלין און צוזאַמען מיט ליבערמאַנען און אַהרנסאָנען צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט פאַר אָרגאַניזירן אַ געהיימע געזעלשאַפט. געווען פאַרמשפּט צו 9 חדשים תּפיסה און צום אַרויסגעשיקט ווערן פון פּרײַסן. אַריבערגעפאָרן קיין פּאַריז, וווּ אָפּגעווען ביזן יאָר 1883,[4] געדרוקט אַרטיקלען אין דעם רוסיש־ייִדישן זשורנאַל „וואָסכאָד“. אין 1883 אומלעגאַל געקומען קיין מאָסקווע, דערנאָך געפאָרן קיין אָרענבורג,[5] ווידער אומגעקערט זיך קיין מאָסקווע און געווען אַרעסטירט און אָפּגעזעסן אין תּפיסה אַ יאָר מיט 4 חדשים [1885—86]. אַ דאַנק דער השתדלות פון רײַכע ייִדן באַפרײַט געוואָרן אונטער געהיימער פּאָליציייִשער השגחה. אַוועקגעפאָרן קיין בעלגיע [1888], חתונה געהאַט און אין יאָר 1895 באַזעצט זיך אין פּעטערבורג, דערנאָך אין קיעוו, וווּ געווען דעניִשער קאָנסול ביזן יאָר 1919. געאַרבעט אין איינעם מיט די ציוניסטן־סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן אין קיעוו.

לאַ וואַרען [בײַ פּאַריז] 14 אַפּריל 1927.

מיר גיבן דאָ איניקע מילואים צו גורעוויטשעס ביאָגראַפיע, אַרויסגענומען פון אַנדערע מקורים.

א. קלמנסאָן, אַן אַלטער פרײַנד פון גורעוויטשעס משפּחה, שרײַבט אין זײַנע זכרונות: „דאָס איז געווען אַ רײַכע, אַריסטאָקראַטישע און חשובֿע פאַמיליע. זייער הויז איז געווען אַ מין קלוב פאַר דער מאָהילעווער ייִדישער אינטעליגענץ, פאַר די מאָהילעווער משׂכּילים“; „דער באַוווּסטער ייִדישער שריפטשטעלער יעקבֿ דינעזאָן האָט לעבן זיי געלעבט איניקע צענדליק יאָר און האָט זיך אַפילו געקליבן אָנצושרײַבן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן דער משפּחה. די הויפּט־

---

3 אַז ג׳ גורעוויטש האָט געהאַט אַן אַטעסטאַט פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול, איז ביז איצט געווען אומבאַקאַנט.

4 דאָ איז אַ טעות: גורעוויטש האָט אַ פּנים פאַרגעסן, אַז אין די יאָרן 1880—1881 האָט ער געלעבט אין דער שווייץ; זע זײַנע אייגענע זכרונות אין Еврейская Летопись (ז״ב, לענינגראַד — 1926) ב׳ 4, ז׳ 98 — 103: „צווישן די רעוואָלוציאָנערן אין ציריך“.

5 אין אָרענבורג האָט דעמאָלט געוווינט זײַנער אַ פעטער.

השפעה אויף ג. גורעוויטשן האָט געהאַט זײַן מוטער באַדאַנע,[6] וואָס האָט געשטאַמט פֿון די פֿאַמיליעס הרכבֿי-שטראַשון [פֿנ״ל די אויבן געדרוקטע זכרונות]; זי האָט גוט געקענט אײַראָפּעיִשע שפּראַכן און אויך העברעיִש, אין שטאָט זײַנען וועגן איר אַרומגעגאַנגען לעגענדעס, אַז „זי קען אויף אויסווייניק דעם מורה נבֿוכים״...[7]

פֿאַר אַ סאָציאַליסט האָט גורעוויטשן געמאַכט פּ. אַקסעלראָד, וואָס איז געווען אַ לערער בײַ זיי אין שטוב און שפּעטער זײַן לערער אין גימנאַזיע. אין אַ בריוו צו לעאָ דײַטשן (פֿון יאָר 1914) שרײַבט גורעוויטש: „שוין צו 14 יאָר בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט פּאַוועל (פּנחס) אַקסעלראָדן, וועלכער איז געקומען צו פֿוס פֿון שקלאָוו קיין מאָהילעוו און האָט געוווינט בײַ אונדז אין הויז. דעמאָלט איז בײַ אונדז געווען אַ קרײַז, וווּ עס זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אַלס מיטגלידער די ברידער לעווענטאַל, לייזער צוקערמאַן און אַנד׳; מיר האָבן געלייענט די רוסישע קלאַסיקער, בעלעטריסטן און קריטיקער.״[8] „דורך זונדעלעוויטשן — שרײַבט ער ווײַטער אין בריוו — בין איך צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ״ און דערנאָך צו דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, נאָר איך האָב זיך געפֿונען אונטער דער ווירקונג פֿון דער דײַטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע״. אין די יאָרן 1880—1881 געפֿינען מיר גורעוויטשן אין ציריך, אין דער קאָלאָניע פֿון די פּאָליטישע עמיגראַנטן, און דאָ, נאָך די פּאָגראָמען אָנהייב די 80ער יאָרן, קומט בײַ אים פֿאָר אַן איבערבראָך, ער דערווײַטערט זיך פֿון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און ווערט „אַ הייסער ייִדישער סאָציאַליסט״, ווי ל. דײַטש שרײַבט וועגן אים. דײַטש דערציילט וועגן זײַנע נאַציאָנאַלע און „פּאַלעסטינישע״ שטימונגען אין יענער צײַט און וועגן זײַנע פּרוּוון צו ווירקן אין דעם פּרט אויף זײַן חבֿר און לערער אַקסעלראָד און אַנדערע ייִדישע רעוואָלוציאָנערן אין דער שווייץ. וועגן דער באַציִונג פֿון די דאָזיקע קרײַזן צו דער עמיגראַציע-באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך די פּאָגראָמען, און די פּרוּוון צו העלפֿן דער באַוועגונג דערציילט גורעוויטש אַליין אין זײַנע קורצע זכרונות וועגן ציריך.[9] דעם וועג פֿונעם ייִדישן רעוואָלוציאָנער און זײַן גײַסטיקן איבערבראָך האָט גורעוויטש באַשריבן אין אַ פֿאַרמאַסקירטער פֿאָרם (איבער דער צענזור) אין זײַנע דערמאָנטע אַרטיקלען אין „וואָסכאָד״,[10] וואָס זײַנען געבליבן ניט פֿאַרענדיקט. מיט דער צײַט האָט גורעוויטש אין גאַנצן צעריסן מיט זײַן אַלטן קרײַז און איז געוואָרן אַ סוחר און אַ ייִדישער כּלל-טוער. איצט — שרײַבט ער צו לעאָ דײַטשן אין 1914 — „בין איך אַ קאָמערסאַנט, נאָר אויסער דעם גיב איך אָפּ כּמעט מײַן גאַנצע צײַט פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. איך בין סעקרעטאַר פֿון דער קיעווער ייִדישער קהילה, איך בין אַ מיטגליד אין פֿיל קאָמיטעטן״.

נאָך דער רעוואָלוציע איז גורעוויטש אַריבערגעפֿאָרן (משמעות אין 1920) פֿון קיעוו קיין פּאַריז, וווּ ער איז פֿאַרבליבן ביז זײַן טויט, דעם 27טן פֿעברואַר 1929.

ג. גורעוויטש איז אויך געווען טעטיק, ווי אַ זשורנאַליסט. חוץ די אַרטיקלען, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט, וועלן מיר נאָך אָנווײַזן: אין 1880—1882 האָט ער אָנגעשריבן אַ רײ קאָרעספּאָנדענציעס אין דער צײַטונג „Заря“, וואָס מ. קולישער האָט אַרויסגעגעבן אין קיעוו; אין 1883—1884 אייניקע אַרטיקלען אין דער כראָניק פֿון „וואָסכאָד״ (חוץ זײַנע „זאַפּיסקי אָטשטשעפּענצאַ״); ער האָט שפּעטער אין רוסלאַנד אויך מיטגעאַרבעט אין אייניקע רוסישע און רוס׳-ייִדישע צײַטונגען. נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1917 האָט ער אין קיעוו אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „Свободная Евр. Община“ און האָט אָפּגעדרוקט אַ רײ אַרטיקלען אין דער ס״ס-ישער ייִדישער צײַטונג אין קיעוו „די נײַע צײַט״ (אין 1918 — וועגן קהילה-פֿראַגן און אינטערעסאַנטע זכרונות וועגן פּ. אַקסעלראָדן). שפּעטער, אין דער עמיגראַציע, האָט ער געדרוקט מעמוארן-נאָטיצן אין

---

6 דערפֿון נעמט זיך זײַן פּסעוודאָנים „באַדאַנעס״.

7 אלחנן קלמנסאָנס זכרונות וועגן ג. גורעוויטשן זײַנען געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „פֿרימאָרגן״ (ריגע) אין יאָר 1928.

8 „צוקונפֿט״ (נ״י) 1916, ז׳ 778, אין דײַטשס אַרטיקל וועגן גורעוויטשן.

9 Евр. Летопись, ב׳ 4, ז׳ 98—103.

10 „וואָסכאָד״ 1884, נר׳ 3, 5 און 6: Записки отщепенца

"Каторга и Ссылка„. אָבער נאָך מער ווי דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט, געפֿינט זיך אין כתב־יד אין זײַן עזבון, דער עיקר פֿון מעמואַריסטישן כאַראַקטער, פֿון זיי איי־ניקע זאַכן ווערטפֿולע, אָבער לײַדער כמעט אַלץ אין אַ ניט פֿאַרענדיקטער, פֿראַגמענטאַרישער פֿאָרם.

מיר ברענגען צום סוף אויסצוגן פֿון צוויי בריוו (אין יידיש), וואָס ג. גורעוויטש האָט געשריבן אין גיכן נאָך זײַן קומען קיין פּאַריז צו ד״ר חיים ספּיוואַק אין אַמעריקע און ווו ער דערמאָנט זײַנע אַמאָליקע חבֿרים פֿון די יונגע יאָרן.

„מײַן פֿרײַנד זונדעלעוויטש אין לאָנדאָן—שרײַבט ער אין בריוו פֿון 27טן אָקטאָבער 1920—האָט מיר צוגעשיקט אַן אַרטיקל פֿון ווינטשעווסקי אין „צוקונפֿט״, פֿון אויגוסט דעם יאָר, וועגן 40יאָריקן יאָרצײַט פֿון א. ליבערמאַן. ער שרײַבט דאָרטן, אַז פֿון די, וואָס האָבן געקענט פּערזענלעך ליבערמאַנען, לעבן מער ניט, ווי 2 פּערזאָנען—ער (ווינטשעווסקי) און ד״ר אַהרנסאָן אין ניו־יאָרק; דער יאָרצײַט איז (דעם) 18טן נאָוועמבער 1920. איך האָב געשריבן צו ווינטשעווסקין... אַז ער האָט אַ טעות וועגן די פּערזאָנען, וואָס האָבן געקענט ליבערמאַנען. אויסער מיר לעבן נאָך א. זונדעלעוויטש,[11] א. פֿינקעלשטיין,[12] די דאָקטוירים ראָם (מאַקס און געאָרג)[13] און נאָך איי־ניקע אין רוסלאַנד און אין אַנדערע ערטער; אין דער רשימה פֿון די אַרטיקלען וועגן ליבערמאַנען און זײַן פּראָצעס פֿעלן פֿיל אַרטיקלען, וואָס זײַנען דערשינען אין רוסלאַנד אין וויכטיקע צײַטשריפֿטן און זאַמלווערק. לײַדער האָב איך דאָ פֿאַסט גאָר נישט פֿון אַלע דערשי־נענע אַרטיקלען, דערונטער 2 פֿון מיר אַליין, און עס איז שווער הײַנטיקע צײַט צו באַקומען פֿון רוסלאַנד ביכער און ליטעראַטור״.

אין אַ צווייטן בריוו—פֿונעם 1טן דעצעמבער 1920—שרײַבט ער אַגבֿ: „אויף בריוו, וואָס איך האָב געשיקט דורך אײַך [קיין אַמעריקע], האָב איך באַקומען אַ תשובֿה פֿון ד״ר ראָם, אָבער מ. אַהרנסאָן שווײַגט; ער איז אומגערעכט, וואָס ער ענטפֿערט מיר ניט״.[14]

---

11 זונדעלעוויטש איז געשטאָרבן אין אויגוסט 1923 אין לאָנדאָן.

12 לויט ווי מיר האָבן פֿעסטגעשטעלט לויט די מאַטעריאַלן פֿון ג. גורעוויטשעס עזבון, איז פֿינקעלשטיין געשטאָרבן אין לאָנדאָן סוף יולי 1921.

13 געאָרג (געראַסים) ראָם איז געשטאָרבן אין לענינגראַד אין 1932. מאַקס ראָם האָט געוווינט אין אַמעריקע אַ לאַנגע צײַט און איז דאָרט געשטאָרבן אין אַפּריל 1921.

14 די אויסצוגן פֿון די לעצטע צוויי בריוו האָבן מיר באַקומען אַ דאַנק דער פֿרײַנדלעכער פֿאַרמיטלונג פֿון ד״ר ב. ווײַנריב אין ירושלים.

# דאָס צווייטע רעוואָלוציאָנערע קרײַזל אין ווילנע 1876 און זײַן ליקווידאַציע

(לויט אַרכיוו-מאַטעריאַלן און זכרונות)

פֿון פּנחס קאָן (ווילנע)

דאָס ייִדישע רעוואָלוציאָנערע קרײַזל אין ווילנע פֿון יאָר 1876 האָט ניט קיין מזל בײַ די היסטאָריקער פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מען האָט וועגן דעם כּמעט ווי ניט געשריבן, בעת וועגן ווילנער קרײַזל פֿון 1875 איז פֿאַראַן אַ גאַנצע ליטעראַטור. אמת, דאָס קרײַזל פֿון 1875 טראָגט אויף זיך דעם פּיאָנערישן חותם פֿון דעם ערשטן קרײַזל און אויך די שײַן פֿון זײַנע אָרגאַניזאַטאָרן—ליבערמאַן און זונדעלעוויטש. אָבער דאָס קרײַזל פֿון 1876, הגם עס האָט ניט געהאַט אַזעלכע גלאַנץ-נעמען, איז דאָך סוף כּל סוף געווען אַ המשך פֿון ערשטן און האָט ממילא אויך אַ פּיאָנערישן באַטײַט, דערצו איז דער פֿאַרנעם פֿון דאָזיקן קרײַזל געווען אַ סך אַ ברייטערער איידער אין 1875, ווי מיר וועלן דאָס ווײַטער זען.

אויפֿן סמך פֿון אַרכיוו-מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהיט אין ווילנע,[1] וויל איך ווײַטער דערציילן, ווי אַזוי דאָס קרײַזל פֿון 1876 איז אויפֿגעדעקט און צעשטערט געוואָרן דורך דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע. אַ ביסל זכרונות, וואָס איך האָב צונויפֿגעזאַמלט אין ווילנע בײַ בני-דור פֿון יענער צײַט, גיבן צו צו די ידיעות פֿון די אָפֿיציעלע מקורים וויכטיקע אומבאַקאַנטע פּרטים.

## I

די אויספֿאָרשונג אין שײַכות מיט דער ליקווידאַציע פֿונעם ערשטן קרײַזל האָט זיך פֿאַרענדיקט סוף אויגוסט 1875. די ווילנער זשאַנדאַרמעריע האָט דערבײַ פּאַקטיש געליטן אַ דורכפֿאַל, מחמת די הויפּט-אָנפֿירער, ליבערמאַן און זונדעלעוויטש, האָבן באַוויזן צו אַנטלויפֿן קיין אויסלאַנד און קעגן די איבעריקע מיטגלידער האָט מען קיין וויכטיקע באַווײַזן ניט געקענט צונויפֿנעמען. סוף כּל סוף איז קיינער פֿון דאָזיקן קרײַזל ניט צוגעצויגן געוואָרן צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, און דער זשאַנדאַרמען-מאַיאָר אַנגלאַרעס, וועלכער האָט אָנגעפֿירט די אויספֿאָרשונג, האָט אַפֿילו באַקומען פֿון פּעטערבורג אַן אויסרייד פֿאַר איר נישטיקן רעזולטאַט.[2]

---

[1] ווילנער מלוכהשער אַרכיוו: א) זאַמלונגען פֿון דער ווילנער גובערנ' זשאַנדאַרמען-פֿאַרוואַלטונג, יאָר 1876, F2 נר' 3: „דער ענין פֿון באַשולדיקן פּערזאָנען אין שאַפֿן אַ געהיים קרײַזל מיטן ציל צו פֿאַרשפּרייטן סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע", 151 בלעטער; ב) זאַמלונגען פֿון ווילנער פּאָליצײַמײַסטערס קאַנצעלאַריע, 1875, נר' 8: „וועגן דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אויפֿגעדעקט געוואָרן אין ווילנע צווישן יונגע לײַט ייִדן". אַנדערע אַרכיוו-מקורים ווערן אָנגעוויזן אויפֿן אָרט.

דער איינציקער כּמעט, וועלכער האָט געשריבן וועגן קרײַזל 1876, איז נ. א. בוכבינדער. זע זײַן История еврейского рабочего движения в России (לענינגראַד 1925).

[2] פּ. קאָן, „די צעשטערונג פֿון דעם ערשטן ייִדישן רעוואָלוציאָנערן קרײַזל אין ווילנע אין יאָר 1875", אין ז"ב „Еврейский Вестник" (לענינגראַד 1928).

די ווילנער יוגנט האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן, און כּמעט תּיכּף, האַרבסט 1875,[3] איז געשאַפֿן געוואָרן אַ נײַ קרײַזל, אָרגאַניזירט דורך לייב דאַווידאָוויטש, וועלכער האָט נאָך געהאַט געהערט צו דער ליקווידירטער ערשטער גרופּע, מיראָן זונדעלעוויטשן (אַהרנס יונגערער ברודער) און אַנדערע. די אַנטלאָפֿענע ליבערמאַן און זונדעלעוויטש זײַנען געווען די ווײַטע פּאַטראָנען פֿון דער נײַ געשאַפֿענער גרופּע.

האָט זיך אָבער אין קרײַזל גופֿא, צי אין זײַן פּעריפֿעריע, געפֿונען אַ מסור, און סוף 1875 האָט דער שעף פֿון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע גענעראַל-מאַיאָר לאָסעוו באַקומען אַן אַנאָנימען בריוו מיט אַ מעלדונג, אַז אין ווילנע האָט זיך ווידער געשאַפֿן אַ קרײַז ייִדישע יוגנט, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט פֿאַרשפּרייטן שעדלעכע ביכער, געווענדט קעגן רעליגיע און מלוכה. דערבײַ האָט דער מסור בײַגעלייגט עטלעכע בלעטער, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן פֿון די טריף-פּסולע ביכער, און האָט אויך אָנגעגעבן אַ גענויע רשימה פֿון די מיטגלידער און זייערע אַדרעסן.[4] היות ווי דער ווילנער זשאַנדאַרמען-שעף האָט אויף דער מסירה ניט רעאַגירט, האָט דער מסור, וועלכער האָט משמעות דערוואַרט אַ באַלדיקע פּעולה פֿון זײַן „דאָנאָס", אָנהייב יאַנואַר 1876 זיך געווענדט, ווידער אַמאָל אַנאָנים, אָבער שוין ניט צו לאָסעוון, נאָר צום ווילנער גובערנאַטאָר. אין דער צווייטער מסירה האָט ער איבערגעחזרט די גאַנצע געשיכטע און זיך ביטער באַקלאָגט אויף לאָסעוון, הלמאַי ער האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויף זײַן מעלדונג און האָט ביז איצט גאָרניט געטאָן אין דעם וויכטיקן ענין. אויף אַן אָנפֿרעג מכּוח דעם פֿון ווילנער גובערנאַטאָר האָט לאָסעוו געענטפֿערט דעם 12טן יאַנואַר 1876,[5] אַז די מסירה האָט ער טאַקע באַקומען און ער האָט זי לחלוטין ניט גרינגגעשעצט, ער האַלט אָבער פֿאַר נייטיק פֿריער צונויפֿצוזאַמלען פֿאַרטרויִלעכע ידיעות וועגן די אָנגעוויזענע פּערזאָנען.

דאָס זאַמלען אינפֿאָרמאַציעס און נאָכשפּיאָנירן די געמסרטע יונגעלײַט האָט געדויערט עטלעכע חדשים און ערשט סוף מערץ איז לאָסעוו צוגעטרעטן צו ליקווידירן דאָס קרײַזל. אין דער נאַכט פֿון 29סטן אויפֿן 30סטן מערץ 1876, אין איינעם פֿון די ערשטע טעג פּסח, זײַנען לויט אַ הסכּם מיטן גענעראַל-גובערנאַטאָר און דעם גובערניאַלן פּראָקוראָר גלײַכצײַטיק אַדורכגעפֿירט געוואָרן „אָביסקן" אין די וווינונגען פֿון 19 פּערזאָן, וואָס זײַנען געווען חשוד אין „אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט אַנדערע פּערזאָנען אַ געהיים קרײַזל מיטן ציל צו פֿאַרשפּרייטן סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע". בשעת די רעוויזיעס האָט מען געפֿונען אַ סך פֿאַרבאָטענע ליטעראַטור און אַלע זײַנען אַרעסטירט געוואָרן. אויף צו פֿירן די אויספֿאָרשונג איז באַשטימט געוואָרן דער זשאַנדאַרמען-מאַיאָר איוואַנאָוו, אָבער אויך לאָסעוו אַליין האָט דעם ענין ניט אַרויסגעלאָזן פֿון זײַנע הענט.

---

3 אין אַ פֿאַרטרויִלעכן באַריכט פֿון יענער צײַט דערציילט דער ווילנער פּאָליצײַמײַסטער, אַז אָנהייב אויגוסט 1875 האָט זיך צו אים געווענדט אַ געוויסער באָריס לעווין, אַ שילער פֿון דער ראָסטאָווער אײַזנבאַן-שול, און געמאָלדן, אַז אין דער דירה פֿון וואַנעלן קומען זיך צונויף יונגעלײַט, וואָס לייענען און טיילן פֿונאַנדער צום לייענען ביכער מיט אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט. דער פּאָליצײַמײַסטער האָט מחמת דעם איבערגעגעבן דעם פּריסטאַוו באָגאָיאַוולענסקי (בײַצײַטנס שם-דבר אין ווילנע מיט זײַן רודפֿן די ראַדיקאַלע יוגנט) אײַנצושטעלן אַ שטילע השגחה איבער די יונגעלײַט. לצווינס אינפֿאָרמאַציעס האָבן זיך באַשטעטיקט, נאָר „היות ווי עס איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט אַרײַנצודרינגען אינעווייניק, האָט די השגחה ניט געבראַכט די געהעריקע רעזולטאַטן. די אָנווײַזונגען זײַנען געווען ווײַט ניט קיין קלאָרע און אין אַזאַ מצב האָט זיך געפֿונען די אויפֿזיכט ביז סוף 1875".

4 פֿון פּאָליצײַישע מקורים איז צו זען, אַז דער זעלביקער מסור האָט גלײַכצײַטיק צוגעשיקט אַן ענלעכן „דאָנאָס" אויך דעם ווילנער פּאָליצײַמײַסטער, וועלכער האָט אָבער גאָרניט אונטערגענומען אין דעם ענין, מחמת ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס געהער צו דער זשאַנדאַרמען-מאַכט (אַרכיוו פֿון ווילנער פּאָליצײַמײַסטער, יאָר 1875, נו' 2858).

5 אַלע דאַטעס אין דער אַרבעט זײַנען אָנגעגעבן לויטן אַלטן סטיל.

ווייַזט אויס פֿון דעם זעלביקן מסור האָט לאָסעוו באַקומען ידיעות, אַז דאָס ווילנער קרייַזל האָט זיך געפֿונען אין פֿאַרבינדונג מיט ענלעכע קרייַזלעך אין אַנדערע ערטער: גראָדנע, דווינסק (דינאַבורג), מינסק און יעלעץ (אָריאָלער גוב׳). לאָסעוו האָט זיך דעריבער תיכּף געווענדט צו דער זשאַנדאַרמעריע אין די אַנגערופֿענע שטעט און פֿאַראָרדנט אַדורכצופֿירן רעוויזיעס און אַרעסטן.

דער ווילנער זשאַנדאַרמען-שעף האָט אין משך פֿון די דרייַ חדשים, וואָס ער האָט שוין געהאַט ידיעות וועגן נייַ-אַנטדעקטן קרייַזל, זיך ניט געאייַלט צו שיקן וועגן דעם קיין ראַפּאָרט אין פּעטערבורג. ער האָט משמעות געוואָלט קומען צו דער העכערער „נאַטשאַלסטוואָ“ שוין מיט ממשותדיקע רעזולטאַטן פֿון דער אויספֿאָרשונג. דעם ערשטן ראַפּאָרט וועגן דעם ענין צום שעף פֿון דער אָ״ג „דריטער אָפּטיילונג“ (העכסטע געהיים-פּאָליציי אין פּעטערבורג) שולץ האָט לאָסעוו אַרויסגעשיקט ערשט דעם 31סטן מערץ. אין אָנהייב גיט ער אַ באַריכט וועגן דעם קרייַזל פֿון 1875 און וועגן די אַנטלאָפֿענע הויפּטשולדיקע זונדעלעוויטש, ווײַנער, יאָכעלסאָן און ליבערמאַן; די ווילנער פּאָליציי, דערציילט ער ווייַטער, האָט נאָך דעם פֿאַל, לויט דער פֿאַראָרדענונג פֿון ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע השגחה איבער דער ייִדישער יוגנט, אויך די זשאַנדאַרמעריע פֿון איר זייַט האָט שאַרף נאָכגעקוקט. לעצטנס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז עס האָט זיך ווידער אָרגאַניזירט אַ קרייַזל, צו וועלכן עס געהערן 35 פּערזאָן, וואָס די הויפּטטוער צווישן זיי זייַנען: הירש וואַנעל, מאָיִסיי (משה) וואָלפֿסאָן, קאָפּל אַבראַמאָוויטש, מיראָן זונדעלעוויטש, מאיר באַרעל, מאַרצעלי יאַנטשעווסקי („אַ גראָדנער קאַטויל“), ראָזע נאָטעק, לייב דאַווידאָוו, אַריה קלאַטשקאָ און אַנד׳[6] דערציילנדיק וועגן די אַדורכגעפֿירטע רעוויזיעס, ברענגט לאָסעוו אַ רשימה פֿון די אומלעגאַלע ביכער, וואָס מען האָט בייַ זיי געפֿונען.[7]

---

6 אין דער רשימה, וואָס דער ווילנער פּאָליציי-מייַסטער האָט געהאַט דעם 12טן אַפּריל פֿון די באַטייליקטע אין קרייַזל, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אויף דער פֿרייַ און מען האָט זיי געדאַרפֿט נאָכקאָנטראָלירן, זייַנען פֿאַראַן די ווייַטערדיקע 22 פּערזאָן: שעפּסל עפֿראָן, לייב דאַווידאָוו, יאָסל טריוווש (געווען אַרעסטירט און צייַטווייַליק אַרויסגעלאָזט), יאָסל בן ראובֿן אָגוז, זוסקע בן חיים עלקעס, לעוו פּיעטוכאָווסקי, אהרן יערמאַקס (אַ פֿרייַוויליקער פֿון 107טן טראָיִצקער פֿוסגייער-פּולק), הערש סאַיעט (אַ זון פֿון אַ הויז-אייגנטימער), שמואל בן לייב קאַגאַן (פֿון ווילנער ייִדישן לערער-אינסטיטוט), סאָפֿיע בת לייב ראַוויטש, אָסיפּ ראַוויטש, חיה(?) באַדאַן (אַן אַקושערקע), לייזער עפּשטיין, אַבעל בן חיים זאַק, רבֿקה, איטע און חנה קרעמער, ישעיה ווייַנער (אָנגעשטעלטער אין דער בוכקראָם אויף דער באַן-סטאַציע), בנימין בולקין, סאָלאָמאָן קאָיראַנסקי, פֿרייַלן יוזעפֿאָוויטש און יאָסל (אפֿשר יואל?) עפֿראָן, סטודענט פֿון בערלינער אוניווערסיטעט). [אפֿשר איז דאָס דער זעלביקער סטודענט יואל עפֿראָן, וואָס האָט זיך אין די 70ער יאָרן באַטייליקט אין בערלין אין דער רוס׳ רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און האָט אויך געוווינט אונטערן נאָמען „אַרטעמיעוו“; סוף 1878, בעת די פּרייַסישע פּאָליציי האָט אים געזוכט, איז ער אַנטלאָפֿן פֿון בערלין אין דער שווייץ; (וועגן דעם זייַנען פֿאַראַן ידיעות אין פּרייַסישן געהיימען מלוכה-אַרכיוו). — רעדאַקציע].

7 מיר ברענגען דאָ די רשימה פֿון די געפֿונענע ביכער—אַלע אין רוסיש:

1. Парижская коммуна, 2. Неизбежная вражда, 3. Хаос буржуазной цивилизации за последнее время, 4. Мирской учет, 5. Крестьянские выборы, 6. Хитрая механика, 7. Храбрый воин, 8. Сказка о копейке, 9. Четыре странника, 10. Бог то бог, да сам не будь плох, 11. Похождения пошехонцев, 12. Об организации социально-революционнаго союза между евреями в России, 13. Золотая Грамота, 14. „Вперед“ №№ 16, 17, 20, 1875, 15; „Вперед“, т. I, 1873, 16. У перевоза, 17. В память столетия Пугачевщины 1773—1873, 18. „Кавеньяк“ Н. Чернышевского, Женева 1874, 19. Первыя века христианства—Певцова, 20. „Еж“.

[מיר גיבן צו געוויסע דערקלערונגען צו די דאָזיקע אומלעגאַלע אויסגאַבעס: נו׳ 1 „פּאַריזער קאָמונע“ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון דער גרופּע רוסישע אַנאַרכיסטן אין זשענעווע 1874; נו׳ 6—Хитрая

לאָסעוו אינפאָרמירט אויך וועגן די שפּורן, וואָס פירן פון ווילנער קרײַזל אין אַנדערע שטעט, און באַזונדערס וועגן דעם, אַז לייב דאַווידאָוויטש איז מיט אַ פאַלשן פּאַס אויפן נאָמען „לצווין" אַרויסגעפאָרן קיין דווינסק כדי דאָרט צו אָרגאַניזירן די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע, און אַז צוליב דעם האָט ער טעלעגראַפיש באַפוילן דער דווינסקער זשאַנדאַרמעריע אויסצוגעפינען דאָרט דאַווידאָוויטשן און אַרעסטירן אים.

די ווײַטערדיקע אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז די פריער אַנטלאָפענע זונדעלעוויטש, ליבערמאַן און ווײַנער האָבן ניט אויפגעהערט אָנצופירן די אַרבעט פון דער ווײַטנס דורך קאָרעספּאָנדירן מיט די מיטגלידער פון קרײַזל און צושיקן אומלעגאַלע ליטעראַטור. וועגן די מיטגלידער פון צווייטן קרײַזל און זייער אַרבעט האָט לאָסעוו אין אַ שפּעטערדיקן ראַפּאָרט צו דער „דריטער אָפּטיילונג" (פון 12טן אַפּריל 1876) געשריבן אַזוי: „זיי זײַנען אַלע ייִדישע יונגעלײַט, ווייניק אַנטוויקלטע און ניט געבילדעטע. זייער טעטיקייט האָט זיך באַגרענעצט מיט פאַרשאַפן זיך פאַרבאָטענע ביכער, לייענען און פאַרשפּרייטן די דאָזיקע ווערק אין זייער סבֿיבֿה. צוליב דעם צוועק האָבן כמעט אַלע זיך פאַרנומען מיט געבן לעקציעס אין פּריוואַטע הײַזער. אַחוץ די אויבנדערמאָנטע ווערק האָט מען אויך געפונען כתבֿ-ידן אין דער ייִדישער אומגאַנגשפּראַך (זשאַרגאָן)*, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט די שווערע לאַגע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין מערבֿ-רוסלאַנד, וואָס ווערט אונטערדריקט פון די איבערמאָסיקע שטײַערן און דערבײַ ווערן געפּרייִדיקט קאָמוניסטישע און דעמאָקראַטישע אידייען".[8]

דער פאַרהער פון די אַרעסטירטע איז צוגעגאַנגען פּאַמעלעך. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אויך יענע צוויי מיטגלידער, וואָס האָבן פאַקטיש איבערגעגעבן דאָס קרײַזל אין די הענט פון דער פּאָליציי; די דאָזיקע פּאַרשוינען זײַנען געווען: מרדכי גלאָבוס און אבֿרהם דיסלער. דער זשאַנדאַרמען-מאַיאָר איוואַנאָוו, וואָס האָט אָנגעפירט די אויספאָרשונג, האָט וועגן דער ראָלע וואָס זיי האָבן געשפּילט ניט געוווּסט. גלאָבוס און דיסלער האָבן אים דערקלערט, אַז „זיי האָבן בשעתו געמאָלדן דעם פּריסטאַוו פון 2טן אוטשאַסטאָק באָגאָיאַוולענסקי וועגן דער פאַרברעכערישער טעטיקייט פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן געשאַפן דאָס געהיימע קרײַזל מיט רעוואָלוציאָנערע צילן, און אַז זיי זײַנען מיטן וויסן

механика איז איינע פון די פּאָפּולערסטע רוס׳ אומלעגאַלע בראָשורן (אַן אַנאָנימע, דער מחבר איז: ו. וואַרזאַר), צוערשט געדרוקט ציריך 1874; נו׳ 7 — Храбрый воин (אויך אַנאָנים, דער מחבר: ס. שישקאָ), זשענעווע 1875; נו׳ 8 — Сказка о копейке (אַנאָנים, דער מחבר: ס. קראַווטשינסקי), זשענעווע 1874; נו׳ 9 — Четыре странника (אַנאָנים, דער מחבר: ל. טיכאָמיראָוו), זשענעווע 1875, דאָס איז אַ וואַריאַנט פון דער באַקאַנטער בראָשור Сказка о 4 братьях; נו׳ 11 — Похождения пошехонцев (אַנאָנים, דער מחבר: ס. קראַווטשינסקי), לאָנדאָן 1875; נו׳ 14 — Первые века христианства (דער מחבר איז אָנגעגעבן „גלח ו. פּעווצאָוו"; אין דער אמתן איז עס איוואַנטשין-פּיסאַרעוו), לאָנדאָן 1875. די דאָזיקע אַלע אויסלענדישע פּראָפּאַגאַנדע-בראָשורן זײַנען אָפּגעדרוקט מיט פאַלשע שער-בלעטער פון רוסישע דרוקערײַען. נו׳ 17 — די בראָשור וועגן פּוגאַטשאָוון, איז אויך אַן אַנאָנימע, דער מחבר איז פּ. לאַווראָוו, לאָנדאָן 1874. נו׳ 13, ריכטיקער: Золота грамота — דאָס איז דער באַקאַנטער אויפרוף צו די פּויערים אין אוקראַיִניש, אַרויסגעגעבן פון פּ. אַקסעלראָד און זשעבוניאָוו, זשענעווע 1875. די איבעריקע נומערן געהערן אייגנטלעך צו דער האַלב-לעגאַלער ראַדיקאַלער ליטעראַטור, אָדער אפשר זײַנען דאָס האַנטשריפטלעכע אויסגאַבעס. אַזוי צב״ש נו׳ 12 — „וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון אַ סאָצ׳-רעוו׳ ייִדישן פאַרבאַנד" איז ליבערמאַנס באַקאַנטער „אוסטאַוו" (תקנות), וואָס איז קאָנטיק ניט געווען אין אַ געדרוקטער פאָרם, נאָר האָט צירקולירט אין איבערגעשריבענע קאָפּיעס. — רעדאַקציע].

8 די אויספאָרשונג האָט לכתחילה געהאַט שוועריקייטן בײַם אויסזוכן אַן איבערזעצער פאַר די העברעיִשע און ייִדישע כתבֿים, וואָס מען האָט געפונען בײַ די אַרעסטירטע. פאַר אַן איבערזעצער האָט מען גענומען דעם באַוווּסטן ווילנער משכּיל און „אוטשאָני יעווריי" יונה גערשטיין.

* אין אָריגינאַל: „Оказались рукописи на еврейс. разговорном языкѣ (жаргоне)".

פֿון פּריסטאַוו פֿאַרבליבן אין קרײַזל אויך אויף ווײַטער כּדי שפּעטער צו זײַן עדות". אַזעלכע פּראָוואָקאַציע־מעטאָדעס זײַנען נאָך דעמאָלט געווען אַ נײַס אין דער פּאָליציי־פּראַקטיק, און איוואַנאָוו איז געווען שטאַרק פֿאַרחידושט פֿון דעם, וואָס ער האָט געהערט. דעם 7טן אַפּריל האָט ער דעריבער אָנגעפֿרעגט דעם ווילנער פּאָליציימייסטער און געבעטן ווי צום גיכסטן אויפֿקלערן דעם ענין און מודיע צו זײַן, צי די דערקלערונגען זײַנען טאַקע אמת. די באַשטעטיקונג האָט ניט געלאָזט אויף זיך וואַרטן.

היות ווי גלאָבוסן און דיסלערן געהערן דער „רום" צו זײַן די ע ר ש ט ע פּ ר אָ ו אָ ק אַ ט אָ ר ן אין דער יִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז כּדאַי צו ברענגען אין גאַנצן דעם ראַפּאָרט, וואָס זייער מדריך, דער פּריסטאַוו באַגאָיאַוולענסקי, האָט גלײַך, דעם זעלביקן טאָג (7טן אַפּריל), צוגעשטעלט דעם פּאָליציימייסטער וועגן דעם ענין:

„איך האָב דעם כּבֿוד,—שרײַבט ער,—צו ראַפּאָרטירן, אַז אַבֿרהם דיסלער און מרדכי גלאָבוס האָבן מיר געמאָלדן—דער ערשטער דעם 15טן יאַנואַר הײַיאָר און דער צווייטער דעם 20טן דעצעמבער פֿאָריקן יאָר—אַז זיי איז באַוווּסט וועגן רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך, וואָס עקסיסטירן צווישן די יִדן אין ווילנע, און אַז זיי ווילן אַרײַן אין די דאָזיקע קרײַזלעך און ווילן אויפֿדעקן די פֿאַרברעכערישע מעשים פֿון די פּערזאָנען, וואָס געהערן צו די קרײַזלעך, נאָר (בתנאי) אַז איך זאָל באַשטעטיקן, ווען עס וועט זײַן נייטיק, אַז זיי האָבן פֿרײַוויליק גענומען אויף זיך אויפֿצודעקן די זאַך. באַקומענדיק דערויף מײַן הסכּמה, פֿלעגן גלאָבוס און דיסלער קומען צו מיר יעדן טאָג מיט ידיעות וועגן די פּערזאָנען, וואָס באַטייליקן זיך אין די רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך און וועגן זייער טעטיקייט, און צײַטנווײַז האָבן זיי מיר צוגעשטעלט רעוואָלוציאָנערע ביכער, וואָס ווערן פֿאַרשפּרייט אין ווילנע, וועלכע איך האָב תּיכּף צוגעשטעלט אויף צו באַטראַכטן אײַער עקסצעלענץ". באַגאָיאַוולענסקי גיט ווײַטער אָן אַ רשימה פֿון די ביכער, וואָס די פּראָוואָקאַטאָרן האָבן אים צוגעשטעלט. עס זײַנען אויסגערעכנט כּמעט אַלע ביכער, וועלכע זײַנען געפֿונען געוואָרן בשעת די רעוויזיעס. אין זײַן תּשובֿה צום מאַיאָר איוואַנאָוו באַשטעטיקט דער פּאָליציימײַסטער די ידיעות פֿון פּריסטאַווס ראַפּאָרט און גיט נאָך צו פֿון זיך, אַז „די אינפֿאָרמאַציעס פֿון גלאָבוסן און דיסלערן זײַנען געוואָרן קאָנטראָלירט דורך אַגענטן און האָבן זיך תּמיד אַרויסגעוויזן פֿאַר ריכטיקע. ...די אויסגערעכנטע ביכער האָט דער פּריסטאַוו באַגאָיאַוולענסקי מיר צוגעשטעלט אויף אַדורכצוקוקן און מען האָט זיי אָפּגעגעבן גלאָבוסן און דיסלערן כּדי זיי זאָלן עס צוריקגעבן דעם קרײַזל".

ביידע פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס האָבן זיך געלאָזט אַרעסטירן לפּנים וועגן, האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, באַלד אַרויסגעלאָזט פֿון תּפֿיסה.

פֿון די 17 אַרעסטירטע יונגעלײַט האָט מען ביזן 12טן אַפּריל באַוויזן אויסצופֿרעגן נאָר 13, און עס זײַנען פֿאַרבליבן צום פֿאַרהערן נאָך 4 אַרעסטירטע און איבער 25 פּערזאָן, פֿאַרמישטע אין דעם ענין, אָבער ניט פֿאַרהאַלטענע. די אויסגעפֿרעגטע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דערקלערונגען „וועגן זייערע פֿאַרברעכערישע מעשים" און די ידיעות, וואָס מען האָט פֿון זיי לכתּחילה אַרויסבאַקומען, זײַנען געווען זייער קאַרגע און אַלגעמיינע. פֿאַר באַזונדערס וויכטיק האָט דעריבער לאָסעוו געהאַלטן די אויספֿירלעכע דערקלערונגען, וואָס עס האָט אָפּגעגעבן איינער פֿון די אַרעסטירטע — יאָסל ראָם, אַ שרײַבער אין דער אינזשעניערן־פֿאַרוואַלטונג פֿאַר ווילנער קרײַז. ער זאָל האָבן דערציילט, אַז דער אַנטלאָפֿענער דאַווידאָוויטש, וואָס זײַן פּסעוודאָנים איז געווען „סאַנדלער", האָט נאָך געהאַט געהערט צו ליבערמאַנס קרײַזל און אַז מיט ראָמס אַ רעקאָמענדאַציע איז דאַווידאָוויטש בשעתו געפֿאָרן קיין מינסק צו איינעם עווענטשיק און האָט דאָרט געגרינדעט אַ באַזונדער קרײַזל. וועגן זיך אַליין זאָל ראָם האָבן דערקלערט, אַז ער האָט צום ווילנער קרײַזל ניט געהערט, מחמת ער האָט געהאַלטן די מיטגלידער פֿאַר „ניט געבילדעטע און ניט מאָראַלישע", נאָר ער האָט געאַרבעט זעלבשטענדיק און אויף אייגענער אַחריות.

צווישן די 4 אַרעסטירטע, וועלכע מען האָט פֿאַרהערט צום סוף, זײַנען געווען קלאַטשקאָ און טריוווש. לויט לאָסעווס ראַפּאָרט פֿון 18טן אַפּריל, זאָל קלאַטשקאָ —„איינער פֿון די הויפּטשולדיקע און אָרגאַניזאַטאָרן פֿון קרײַזל"— זיך האָבן מודה געווען און אויך אָנגעוויזן די אים באַקאַנטע מיטגלידער פֿון די קרײַזלעך, דערבײַ זײַנען קלאַטשקאָס דערקלערונגען צום טייל באַשטעטיקט געוואָרן אויך דורך טריוווּשן. וועגן דעם אײַנדרוק, וואָס די אַרעסטן האָבן געמאַכט אין ווילנע, האָט לאָסעוו אין זײַן ראַפּאָרט געשריבן אַזוי: „צווישן די אײַנוווינער פֿון ווילנע און דער פּראָווינץ גייען אַרום פֿאַרשיידענע ווערסיעס וועגן דעם ענין, אין אַ סך ייִדישע פֿאַמיליעס אין ווילנע האָבן די טאַטעס אַליין אַדורכגעקוקט די ביכער בײַ זייערע קינדער כּדי ניט צו לאָזן זיי לייענען קיין פֿאַרבאָטענע ווערק".

## II

ווי עס איז שוין אויבן געווען דערמאָנט, האָבן פֿון ווילנע אויס געפֿירט שפּורן צו קרײַזלעך אין אַנדערע שטעט. דאָס וויכטיקסטע פֿון די קרײַזלעך מחוץ ווילנע איז געווען אין דווינסק, וואָס איז געווען אין אַן ענגערן קאָנטאַקט מיט די ווילנער טוער. אַגבֿ איז דווינסק באַזוכט געוואָרן פֿון די הויפּטטוער אַהרן זונדעלעוויטש און דאַווידאָוויטש. די אויספֿאָרשונג האָט דעריבער אָפּגעגעבן דווינסק אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט. דעם 14טן אַפּריל האָט לאָסעוו איבערגעשיקט צום שעף פֿון דער וויטעבסקער גובערניאַלער זשאַנדאַרמען-פֿאַרוואַלטונג, צו וועלכער עס האָבן געהערט די דווינסקער ענינים, אויספֿירלעכע ידיעות פֿון דער ווילנער אויספֿאָרשונג, וואָס זײַנען נוגע געווען דער אומלעגאַלער אַרבעט אין דווינסק. לויט די דאָזיקע ידיעות, געפֿינט זיך די הויפּטקוואַרטיר פֿון די רעוואָלוציאָנערן אין דווינסק אין דער דירה פֿון געוועזענעם גימנאַזיסט אליהו סנאָפּ אויף פּאָדאָלער גאַס, ווו עס זאָל אויך זײַן באַהאַלטן אַ סך אומלעגאַלע ליטעראַטור; בראש פֿון קרײַזל שטייט טאַקע דער בעל-הבית פֿון דער קאָנספּיראַטיווער דירה סנאָפּ צוזאַמען מיטן געקומענעם פֿון ווילנע לייב דאַווידאָוויטש; די פּראָפּאַגאַנדע ווערט געפֿירט צווישן בערך 200 אַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע וואַרשטאַטן. חוץ די דערמאָנטע איז נאָך צוגעקומען פֿון ווילנע דמיטרי ניקאָלאַיעוויטש בעליאַיעוו, וועלכער איז שוין געווען פֿאַרמישט אין ענין פֿון ווילנער קרײַזל 1875 און איז אָנהייב 1876 אַרײַנגעטרעטן ווי אַן אַרבעטער אין אַ דווינסקער שלאָסערײַ-וואַרשטאַט כּדי צו קענען בעסער פֿירן די פּראָפּאַגאַנדע. ווי אַ באַווײַז, אַז עס האָט עקסיסטירט אַ קאָנטאַקט צווישן ווילנער און דווינסקער קרײַזלעך, איז געווען אַ בריוו פֿון דווינסק מיט דער דאַטע פֿון 16טן מערץ 1876, וואָס די ווילנער זשאַנדאַרמעריע האָט געפֿונען בײַם אַרעסטירטן באַרעל, געשריבן רוסיש, וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי: „פֿרײַנד אָטשקאָוויטש, מײַנע אומשטאַנדן זײַנען געוואָרן אַזעלכע, אַז די טעגלעכע חיונה איז געוואָרן אַ זאַך פֿון ערשטער נויטווענדיקייט. הײַנט דאַרף איך שליסן אַ קאָנטראַקט מיט אַ מײַסטער (אַ רוסישן) אויף אַזעלכע באַדינגונגען: דער טערמין איז צוויי יאָר, קעסט, דירה און וועש פֿון בעל-הבית, דער אַרבעטס-טאָג דאַרף זײַן בערך 12 שעה, אַזוי אַז עטלעכע שעה בלײַבן נאָך איבער אויך פֿאַר מיר, און דערפֿאַר מוז איך אויך געבן אַ לעקציע די קינדער פֿון בעל-הבית. דער בעל-הבית איז אַ מענטש, מען קען זאָגן, אַן אינטעליגענטער. מיט איין וואָרט, עס וועט זײַן גוט פֿאַר אַלעמען. נאָר צום קאָנטראַקט איז מיר אומבאַדינגט נייטיק אַ פּערזענלעכער דאָקומענט. אַרקאַדי יעווסעיעוויטש [זונדעלעוויטש.—פּ.ק.] מיט זײַן באַגלייטער זיצן איצט בײַ אונדז. איך לייג בײַ פֿאַר אײַך אַ בריוול פֿון אַ. יע. [זונדעלעוויטשן.—פּ.ק.]. איך בעט אײַך צו זען אויסמײַסטרעווען פֿאַר מיר דעם דאָקומענט, מחמת ער איז מיר זייער נייטיק... איך

דערוואַרט, אַז איר וועט ווי צום גיכסטן אויספֿירן״. אונטערגעשריבן איז דער בריוו „אײַער לעאָן״, ד״ה לייב דאַווידאָוויטש.

היות ווי פֿון דעם בריוו צו באַרעלן איז געווען צו זען, אַז אַחוץ דאַווידאָוויטשן איז אין דווינסק געווען אויך אַהרן זונדעלעוויטש, האָט לאָסעוו דעריבער דרינגלעך אויפֿגעפֿאָדערט די וויטעבסקער זשאַנדאַרמעריע-פֿאַרוואַלטונג ביידן דאָרטן אויפֿצוזוכן און תּיכּף אַרעסטירן. ער האָט אויך צוגעשיקט צוויי פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון זונדעלעוויטשן און אָנגעוויזן דעם לעצטנס אַדרעס, אויף וועלכן מען האָט פֿון ווילנע געשיקט בריוו צו דאַווידאָוויטשן: „דינאַבורג, ריגער גאַס, צו ה׳ שאַפּירא, פֿאַר חיימען״. די וויטעבסקער זשאַנדאַרמעריע-פֿאַרוואַלטונג האָט געטאָן וואָס זי האָט געקענט, כּדי צו כאַפּן די אָנגע-וויזענע פּערזאָנען. דעם 29סטן אַפּריל האָט מען געמאָלדן לאָסעוון, אַז אין דווינסק זײַנען אַרעסטירט געוואָרן בעליאַיעוו און סנאָפּ, מען האָט אָבער בײַ זיי קיין שום קאָמפּראָ-מעטירנדיקע מאַטעריאַלן ניט געפֿונען, אַקעגן זונדעלעוויטשן און דאַווידאָוויטשן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו פֿאַרהאַלטן, הגם „דערצו זײַנען אָנגענומען געוואָרן אַלע מיטלען״. ווי עס האָט פֿעסטגעשטעלט די דווינסקער פּאָליציי, זאָל דאַווידאָוויטש נאָך מיט $2^1/_2$ וואָכן פֿריער האָבן פֿאַרלאָזט דווינסק און איז אַוועק קיין ווילנע.

לאָסעוו האָט ניט אויפֿגעהערט צו זוכן די צוויי אַנטלאָפֿענע הויפּטטוער. דעם 26סטן אַפּריל האָט ער צעשיקט זונדעלעוויטשעס פֿאָטאָגראַפֿיע צו די שעפֿן פֿון די קרײַזישע זשאַנדאַרמען-פֿאַרוואַלטונגען אין גאַנץ ווילנער גובערניע מיט אַ באַפֿעל אים צו אַרעסטירן. דעם 5טן מײַ האָט ער ווידער פֿונאַנדערגעשיקט יאָגובריוו, אין וועלכע די אַנטלאָפֿענע ווערן אַזוי באַשריבן: „1) אַהרן איסאַקאָוויטש זונדעלעוויטש, ער רופֿט זיך אויך אַרקאַדי יעווסעיעוויטש, 25 יאָר אַלט (ווערן אויסגערעכנט זײַנע סימנים), אין מערץ 1876 איז ער געווען אין דינאַבורג און אין פּעטערבורג (אין פּעטערבורג אונטער דער פֿאַמיליע גורעוויטש)*, ער קען אויך האָבן אַ פּאַס אויפֿן נאָמען פֿון אָשמענער מעשטשאַנין מאיר בן יאָסל לעווין; 2) לייב דאַווידאָוויטש, ער רופֿט זיך אויך לעאָן דאַווידאָוו, ווילנער מעשטשאַנין, 20 יאָר אַלט... אין מערץ איז ער געווען אין דווינסק. עס איז מעגלעך, אַז זונדעלעוויטש האָט אים אַוועקגעגעבן זײַנע פּאַפּירן אויפֿן נאָמען פֿון גורעוויטש״. אויך די „דריטע אָפּטיילונג״ האָט דעם 7טן מײַ צעשיקט צו אַלע שעפֿן פֿון די גובערניאַלע זשאַנדאַרמען-פֿאַרוואַלטונגען און פֿון די זשאַנדאַרמישע פּאָליציי-פֿאַרוואַלטונגען אויף די באַנען אין גאַנץ רוסלאַנד געדרוקטע יאָגובריוו נאָך זונדעלעוויטשן און דאַווידאָוויטשן. לויטן געזעץ פֿון 1871 האָט יעדע אויספֿאָרשונג געדאַרפֿט געפֿירט ווערן אויפֿן אָרט, וווּ דאָס פֿאַרברעכן איז אויסגעפֿירט געוואָרן. מחמת דעם האָט מען די אַרעסטירטע סנאָפּ און בעליאַיעוו** ניט איבערגעשיקט פֿון דווינסק קיין ווילנע, נאָר די אָרטיקע זשאַנדאַרמעריע האָט אַרויסגעפֿאָדערט פֿון לאָסעוון די באַשולדיקונגס-מאַטעריאַלן וועגן זיי. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז דער איינציקער באַווײַז קעגן זיי זײַנען געווען בלויז קלאַטשקעס מיטטיילונגען.

* ווי עס איז באַקאַנט פֿון גריגאָרי גורעוויטשעס זכרונות, האָט אַהרן זונדעלעוויטש אַ שטיק צײַט אין אויסלאַנד געלעבט אויפֿן פּאַס פֿון גורעוויטשעס ברודער דוד (זע „רויטער פּנקס״, ב׳ 2, ז׳ 109, אויך אין די אַקטן פֿון פּרײַסישן געהיימען מלוכה-אַרכיוו, וואָס ווערן אויבן דערמאָנט). אין גאַנצן נײַ איז די ידיעה, וואָס ווערט דאָ געבראַכט פֿון פּ. קאָן לויט די ווילנער אַקטן, אַז אויך אין רוסלאַנד האָט זונדעלעוויטש געוווינט אונטער דעם דאָזיקן נאָמען. בכלל גיבן די אַקטן וויכטיקע אָנווײַזן וועגן די מאַרשרוטן פֿון זונדעלעוויטשן, וועלכער האָט, ווי באַקאַנט, געהאַלטן אין איין אַרומפֿאָרן פֿון רוסלאַנד קיין אויסלאַנד און צוריק צוליב קאָנספּיראַטיווע צוועקן.— רעדאַקציע

** וועגן אליהו סנאָפּ זע Био-библйограф. Словарь (אויסג׳ פֿון „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס״), ב׳ 2, (70ער יאָרן) העפֿט 4, ז׳ 1546, וועגן בעליאַיעוו דמיטרי זע דאָרטן, העפֿט 1, ז׳ 102. — רעד׳.

גלײַכצײַטיק מיט ווילנע האָט די זשאַנדאַרמעריע ליקווידירט אויך דאָס קרײַזל אין גראָדנע. דאָ זײַנען געשטאַנען בראש פֿון דער אַרבעט אײַזיק סלוצקי און קאָנסטאַנטין ביעלסקי, אַ שילער פֿון 7טן קלאַס פֿון גראָדנער גימנאַזיע. בעת דער רעוויזיע האָט מען בײַ זיי געפֿונען עטלעכע פֿאַרבאָטענע ביכער. ביידע זײַנען אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט זיי אָפּגעשיקט קיין ווילנע.

אין מינסק האָט, לויט לאָסעווס אינפֿאָרמאַציעס, אָרגאַניזירט אַ קרײַזל דער געוו׳ שילער פֿון דער טעכנאָלאָגישער שול מיכאל ראַבינאָוויטש (טשאָרני), וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן אין ווילנע. אויף אים האָט אָנגעוויזן איינער פֿון די פֿאַרמישטע אין ענין פֿון ווילנער קרײַזל (גלאָבוס?), אַז ער האָט פֿאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור. דעם 11טן מאַי האָט נעמלעך דער שעף פֿון דער מינסקער גוב׳ זשאַנדאַרמען-פֿאַרוואַלטונג מודיע געווען לאָסעוון, אַז מיט אַ נאַכט פֿריער זײַנען אין זײַנע הענט אַרײַנגעפֿאַלן באַווײַזן „וועגן אָנטייל פֿון דעם ייִד מיכאל ראַבינאָוויטש אין דער פֿאַרברעכערישער פּראָפּאַגאַנדע אין מינסק". מען האָט ראַבינאָוויטשן תּיכּף, מיט אַ געהעריקן עסקאָרט, אַרויסגעשיקט פֿון ווילנע קיין מינסק.

פֿאַר זייער וויכטיק האָט לאָסעוו געהאַלטן די באַקומענע ידיעות וועגן יעלעץ. דאָ האָט געזאָלט עקסיסטירן בײַ דער אַלעקסאַנדרישער טעכנישער אײַזנבאַן-שול אַ רעוואָלוציאָנערער שילערקרײַז, וואָס אין זײַן אַרבעט האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק „די ייִדן וואָלפֿסאָן, מוד, קרעמער און זײַדלער". ער האָט דעריבער דעם 30סטן מערץ צוגעשיקט צום שעף פֿון דער גובערניאַלער זשאַנדאַרמען-פֿאַרוואַלטונג אין אָריאָל אַן אָנפֿרעג מכּוח דעם דאָזיקן קרײַזל און די אָנגערופֿענע פּערזאָנען. דערויף איז באַלד אָנגעקומען אַ טעלעגראַפֿישע תּשובֿה, אַז אַרקאַדי מוד איז אַ זון פֿון אַ ווילנער הויז-אייגנטימער אויף וועגנגרער געסל, קרעמער—אַ זון פֿון אַ ווילנער סוחר אויף דײַטשער גאַס און עדואַרד זײַדלער איז אַ זון פֿון אַ ווילנער אַפּטייקער.[9] וואָס איז נוגע וואָלפֿסאָנען, אויך אַ ווילנער, געפֿינט ער זיך אין מינסק אַלס מאַשיניסט אויף דער באַן-ליניע לאַנדוואַראָוואָ-ראָמען.

צווישן די דערמאָנטע מיטגלידער פֿון יעלעצער קרײַזל איז נאָום וואָלפֿסאָן שוין געווען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן סטאַזש, און די זשאַנדאַרמעריע האָט אים שוין פֿון פֿריער געקענט. וואָלפֿסאָן האָט, ווי עס ווײַזט אויס, באַצײַטנס דערשמעקט, וואָס דאָ גרייט זיך, און איז נעלם געוואָרן. מען האָט אים געזוכט אין מינסק און אין יאַראָסלאַוו, וווּ ער האָט זיך שפּעטער געזאָלט אויפֿהאַלטן, — אָבער אומזיסט. פֿון די איבעריקע יעלעצער איז שטאַרק חשוד געווען זײַדלער, וועלכער האָט אונטערגעהאַלטן נאָענטע באַציִונגען מיט וואָלפֿסאָנען, און לויט לאָסעווס פֿאַראָרדענונג האָט דער אָריאָלער גובערנאַטאָר באַשטימט איבער אים „אַ באַזונדערע פּאָליציייִשע השגחה".

## III

די אויספֿאָרשונג איז ווײַטער געפֿירט געוואָרן אין גיכן טעמפּ. דעם 27סטן אַפּריל האָט לאָסעוו אינפֿאָרמירט דעם ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, אַז די אויספֿאָרשונג איז שוין „כּמעט פֿאַרענדיקט", עס זײַנען איבערגעבליבן בלויז נאָך עטלעכע פּערזאָן צום פֿאַרהערן, און דערנאָך וועט ער דעם ענין איבערשיקן צום ווילנער פּראָקוראָר. בסך-הכּל זײַנען צו יענעם טאָג דורך דער אויספֿאָרשונג באַשולדיקט געוואָרן אין געהערן צום קרײַזל: אין ווילנע—13 פּערזאָן ווי „אַקטיווע טוער", וועלכע זײַנען געזעסן אין תּפֿיסה

9 עדואַרד זײַדלער ווערט ניט ריכטיק געהאַלטן פֿאַר אַ ייִדן. ווי עס ווײַזט זיך אַרויס פֿון שפּעטערדיקע פּאָליציייִשע אַרכיוו-מאַטעריאַלן, וואָס געפֿינען זיך אין אַרכיוו פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט און וואָס ווערן ווײַטער געבראַכט, איז ער גאָר געווען אַ קאַטויל.

(אַחוץ די אַנטלאָפֿענע), און 23 פּערזאָן ווי „פֿאַרמישטע", וועלכע האָבן זיך געפֿונען אויף דער פֿרײַ; אין גראָדנע — 4 פּערזאָן, אין מינסק — 2 פּערזאָן; פֿון דווינסק איז נאָך ניט געווען קיין ידיעות.

דאָך האָט זיך דער ענין נאָך געהאַט אַ ביסל פֿאַרצויגן און צום סוף פֿון דער אויספֿאָרשונג זײַנען געבליבן אַרעסטירט 11 פּערזאָן: קלאַטשקאָ, באַרעל, טריוווש, בענדין, וואַנעל, ווײַנשטיין, אַבראַמאָוויטש, רימאַן, וואָלפֿסאָן, זונדעלעוויטש (מיראָן) און יאַנטשעווסקי, פֿון זיי איז בלויז דער ערשטער, קלאַטשקאָ, געזעסן אין פּאָליציי-אַרעסט, אַלע איבעריקע — אין „פּאָליטישן" פּאַווילאָן נומער 14 פֿון דער ווילנער ציטאַדעל.[10] אָפֿיציעל איז די אויספֿאָרשונג פֿאַרענדיקט געוואָרן דעם 23סטן מײַ און דער גאַנצער כאַטעריאַל איז גלײַך געוואָרן איבערגעשיקט צום ווילנער גובערניאַלן פּראָקוראָר. דעם זעלביקן טאָג האָט אויך לאָסעוו אַרויסגעשיקט צו דער „דריטער אָפּטיילונג" אַן אויספֿירלעכן באַריכט, וואָס רעזומירט די רעזולטאַטן פֿון דער אויספֿאָרשונג. דער באַריכט — אויף 16 זײַטן גרויסן פֿאָרמאַט — גיט אונדז אַ פֿול בילד פֿון דעם קרײַזל און דער טעטיקייט פֿון די באַזונדערע מיטגלידער לויט די פֿעסטשטעלונגען פֿון דער אויספֿאָרשונג. מיר וועלן זיך דעריבער ווײַטער באַקענען מיטן דאָזיקן באַריכט.

לאָסעוו קוקט אויפֿן קרײַזל פֿון 1876, ווי אויף אַ המשך פֿון דעם פֿריער ליקווידירטן ליבערמאַן-זונדעלעוויטש-קרײַזל, און פֿון דעם הייבט ער טאַקע אָן זײַן באַריכט: „אין יאָר 1875 — שרײַבט ער — האָבן די תּלמידים פֿון דער געוועזענער ראַבינער-שול ליבערמאַן, זונדעלעוויטש, ווײַנער, יאָכעלסאָן, לייב דאַווידאָוויטש און אַנדערע, אין אַ צאָל ביז 15 פּערזאָן, געשאַפֿן אַ געהיים קרײַזל צום פֿאַרשפּרייטן ביכער און ווערק, וואָס רייצן אויף קעגן דער אייבערשטער מאַכט און דער עקסיסטירנדיקער מלוכה-אָרדענונג און לערנען אויך ווי אַזוי איבערצובויען די גאַנצע געזעלשאַפֿט אויף קאָמוניסטישע יסודות. הגם מען האָט באַלד באַמערקט די טעטיקייט פֿון די פּערזאָנען, האָבן זיי אָבער באַוויזן צו אַנטלויפֿן, אַחוץ דאַווידאָוויטשן. די אויספֿאָרשונג האָט ניט געקענט אין אַלע פּרטים אויפֿקלערן ניט די עקסיסטענץ פֿון געהיימען קרײַזל און ניט די אופֿנים פֿון זײַנע פֿאַרברעכערישע מעשים. לייב דאַווידאָוויטש, וועלכער איז געווען אין יענעם קרײַזל אַ ביבליאָטעקאַר, איז ניט צוגעצויגן געוואָרן צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, מחמת זײַן אָנטייל אין קרײַזל איז דעמאָלט ניט געווען באַקאַנט. דאַווידאָוו'טש האָט געאַרבעט ווײַטער, ער האָט אָרגאַניזירט קרײַזלעך אין ווילנע, מינסק און דווינסק און זיכער זײַנען לויט זײַן איניציאַטיוו אויך אויפֿגעקומען די קרײַזלעך אין גראָדנע און יעלעץ. דאַווידאָוויטש האָט צוגעשטעלט ביכער, וואָס ער האָט זיי באַקומען פֿון אויסלאַנד און פֿון פּעטערבורג פֿון מעדיצין-סטודענט סטאַניסלאַוו ביעלסקי, אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס איז באַקאַנט אין פֿאַרשיידענע גובערניעס און לעבט אונטערן נאָמען לאָמאַנסקי אָדער לאָמאַנאָווסקי. די דאָזיקע קרײַזלעך האָבן אין זייער טעטיקייט זיך געדאַרפֿט שטיצן אויפֿן סטאַטוט „וועגן אָרגאַניזירן אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן פֿאַרבאַנד צווישן די ייִדן אין רוסלאַנד", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אויסלאַנד.

דער באַריכט רעכנט ווײַטער אויס זעקס קאַטעגאָריעס פֿון די באַשולדיקטע.

צו דער ערשטער קאַטעגאָריע, דער העכסטער, זײַנען פֿאַררעכנט געוואָרן די, קעגן וועמען די באַשולדיקונג האָט געקאָנט ווערן אונטערגעהאַלטן קאַטעגאָריש, אויפֿן סמך פֿון זייערע אייגענע דערקלערונגען און פֿון באַווײַזן פֿון דער אויספֿאָרשונג.

---

10 דער „נומער 14" איז געווען אַ ספּעציעלער פּאַווילאָן, ווו די רוסישע מאַכט פֿלעגט האַלטן פּאָליטישע אַרעסטירטע. ער האָט זיך געפֿונען צופֿוסנס פֿון שלאָס-באַרג, ניט ווײַט פֿון דעם אָרט, ווו דאָס טײַכל ווילענקע פֿאַלט אַרײַן אין דער ווילִיע און אַנטקעגנאיבער טישקעוויטשעס פּאַלאַץ (איצט די ווּרובלעווסקי-ביבליאָטעק). בשעתו זײַנען אין „נומער 14" געזעסן די פּוילישע פֿרײַהײַט-קעמפֿער, ווי קאָנאַרסקי, אינסורגענטן פֿון 1863 א"אַנד. דער פּאַווילאָן געהער איצט צום קאָמפּלעקס בנינים פֿון די מיליטערישע קאַזאַרמעס.

די באַשולדיקונג קעגן די דאָזיקע פּערזאָנען איז פֿאָרמולירט געוואָרן אַזוי: „לויט אַ פֿריערדיקן הסכּם צווישן זיך האָבן זיי פֿאַרשפּרייט ביכער פֿון אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט מיטן ציל אַרויסצורופֿן אין דער מאַסע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג שנאה צו דער עקסיסטירנדיקער מלוכה=אָרדענונג און צוצוגרייטן זי צו אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער איבערקערעניש", וואָס אַזאַ פֿאַרברעכן איז פֿאָרויסגעזען אין אַרט' 252 פֿון רוסישן שטראָפֿקאָדעקס.

אַזעלכע באַשולדיקטע זײַנען געווען 11 פּערזאָן. וועגן זיי איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן אָט וואָס:

1) אַריה בענצל בן דוד קלאַטשקאָ, 20 יאָר אַלט, אַ מעשטשאַנין פֿון ווילנער קרײַז, הויזבילדונג, האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן פֿון לייב דאַווידאָוויטשן און ער איז אַרײַנגעטראָטן אין געהיימען קרײַזל. בעת דאַווידאָוויטש איז אַוועקגעפֿאָרן קיין מינסק, האָט קלאַטשקאָ פֿאַרנומען זײַן אָרט ווי דער הויפּט-אָנפֿירער פֿון קרײַזל, האָט געפֿירט קאָרעספּאָנדענץ מיט ליבערמאַנען וועגן צושיקן ביכער און וועגן גאַנג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן, אויף וואָס ליבערמאַן האָט אים געענטפֿערט, אַז ביכער וועלן זײַן און אַז די ייִדן „שטייען אויף פֿון שלאָף". צו קלאַטשקאָן האָבן זיך געווענדט אייניקע רעוואָלוציאָנערע טוער פֿון דער פֿרעמד, וואָס זײַנען בשתיקה געקומען קיין ווילנע. אין דער קאָנספּיראַטיווער קאָרעספּאָנדענץ האָט מען קלאַטשקאָן גערופֿן „קאָבילעווסקי" אָדער „סוס".[11] דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון עדוואַרד זײַדלער האָט קלאַטשקאָ אַרויסגעשיקט צו נאַום וואָלפֿסאָנען קיין יעלעץ פֿאַרבאָטענע ביכער. דאָסגלײַכן האָט ער אַזעלכע ביכער געגעבן צו באַהאַלטן דער מיידל ראָזע נאָטעק און צום לייענען — טריוווּשן און אַנדערע. אים, קלאַטשקאָן, האָט דאַווידאָוויטש אָנגעטרויט צו קויפֿן מײַז-סם כּדי אָפּצוסמען גלאָבוסן, וואָס אויף אים איז געווען אַ חשד, אַז ער איז אַן אַגענט בײַ דער פּאָליציי. דער דאָזיקער פּלאַן איז ניט אויסגעפֿירט געוואָרן דערפֿאַר, ווײַל קלאַטשקאָ האָט זיך אָפּגעזאָגט און ווײַל דאַווידאָוויטש האָט פֿאַרלאָזן ווילנע.

2) מאיר בן אַבֿרהם באַרעל, 17 יאָר אַלט, אַ ווילנער מעשטשאַנין, הויזבילדונג, האָט זיך ניט מודה געווען אין געהערן צום קרײַזל און אויף אַלע באַווײַזן קעגן אים האָט ער ניט געגעבן קיין דערקלערונגען, הגם ער האָט ניט געלייקנט, אַז ער איז געווען באַקאַנט מיט דאַווידאָוויטשן, קלאַטשקאָן, טריוווּשן און ברוידען. זײַן פּסעוודאָנים אין קרײַזל איז געווען „אָטשקאָוויטש".[12] די באַווײַזן קעגן אים זײַנען: דער

---

11 קלאַטשקאָס פּסעוודאָנימען בינדן זיך מיט זײַן פֿאַמיליע-נאָמען: „קאָבילאַ" איז אין רוסיש אַ קליאַטשע, „סוס"—אין העברעיִש אַ פֿערד, אַ קליאַטשע.

צווישן די מאַטעריאַלן פֿון דאַווידאָוויטשעס קרײַזל, וואָס דער פֿאַרשטאָרבענער ד"ר מיכל בערקאָוויטש האָט פֿאַרעפֿנטלעכט, איז פֿאַראַן אויך איין בריוול פֿון קלאַטשקאָ צו ליבערמאַנען, דאַטירט ווילנא, דעצעמבער 1875 און אונטערגעשריבן „דכתהדם, הגבאי השני לר' יוחנן". בערקאָוויטש דערקלערט ריכטיק, אַז לויט דער באַקאַנטער קאָמבינאַציע פֿון די אותיות א—ת ב—ש באַטײַט „דכתהדם"—קלאַצקי. ער האָט אָבער אַ טעות, ווען ער מיינט, אַז צו יענעם קרײַזל האָבן געהערט צוויי קלאַטשקאָס; מער ווי דער איינער איז ניט געווען. „ר' יוחנן" מיינט—דאַווידאָוויטשן. קלאַטשקאָס בריוו איז אַ זייער וויכטיקער דאָקומענט צו דערקענען די שטרעמונגען און די אידעאָלאָגיע פֿון קרײַזל. פֿגל' ד"ר מ. ברקוביץ, „ממערכת „האמת" אין „השחר" (איינטאָגבלאַט פֿון דער פֿאַרמעכטער „הצפֿירה", וואַרשע) פֿון 23טן יולי 1920 און אין „מוסף לדבֿר" תרפ"ח נומ' 35; א. טשעריקאָווער, „דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג" אין די „היסטאָרישע שריפֿטן", ב' I, זז' 515—16; פּ. קאָן, „וועגן ייִדישן רעוואָלוציאָנערן קרײַזל אין ווילנע פֿון יאָר 1876" אין די „ליטעראַרישע בלעטער" 1930, נומ' 23.

12 באַרעל האָט געטראָגן ברילן, דערפֿון שטאַמט זײַן פּסעוודאָנים („אָטשקי" איז אויף רוסיש ברילן). ער איז אויך דער „בן אַבֿרהם", וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין אַ קאָנספּיראַטיוון בריוו פֿון קרײַזל, וואָס

אויבן ציטירטער בריוו אויפֿן נאָמען פֿון „אָטשקאָוויטש“, וואָס מען האָט געפֿונען בעת דער רעוויזיע בײַ וואַנעלן, נאָך עפּעס אַ בריוו און דאָס עדות-זאָגן פֿון די פּראָוואָקאַטאָרן גלאָבוס און דיסלער און אויך פֿון קלאַטשקאָ, טריוווּשן און יאַנטשעווסקין. באַרעלן האָט מען באַשולדיקט, אַז ער האָט ניט בלויז אָנטייל גענומען, נאָר ער האָט אויך געשפּילט אַן אָנזעעוודיקע ראָלע אין קרײַזל, האָט געפֿירט די קאָרעספּאָנדענץ און האָט באַקומען פֿון ליבערמאַנען די בראָשור „וועגן אָרגאַניזירן אַאַז״וו“ [דעם „סטאַטוט“]. באַרעל האָט אונטערגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די רעוואָלוציאָנערן פֿון אַנדערע שטעט, ער האָט זיך אויך באַמיט צו באַקומען פּעסער פֿאַר דאַווידאָוויטשן און אַהרן זונדעלעוויטשן און ער האָט זיי איבערגעשיקט אַ פּאַס, וואָס עס האָט אים צוגעשטעלט גלאָבוס, אויפֿן נאָמען פֿון אַן אָשמענער מעשטשאַנין לעווין. בײַ באַרעלן האָט מען געפֿונען בעת דעם אָביסק דעם זשורנאַל „ווּפּעריאָד“.

3) הירש בן פּנחס וואַנעל, 29 יאָר אַלט, אַ געוו׳ תּלמיד פֿון דער ראַבינער-שול. גלאָבוס און דעסלער האָבן עדות געזאָגט, אַז וואַנעל איז געווען אַ מיטגליד פֿון קרײַזל; קלאַטשקאָ ווידער האָט אויסגעזאָגט, אַז וואַנעל האָט אים באַקענט מיט דאַווידאָוויטשן. זײַן פּסעוודאָנים אין קרײַזל איז געווען „גאָרבונאָוו“.[13] ער האָט דאָס געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס אין „ווּפּעריאָד“ און האָט זיך אויך דורכגעשריבן מיט רעוואָלוציאָנערע טוער אין אויסלאַנד, באַקומענדיק די בריוו אויפֿן אַדרעס פֿון שמערל אָגוז. בשעת דעם אָביסק האָט מען בײַ אים געפֿונען דאַווידאָוויטשעס בריוו צו באַרעל-„אָטשקאָוויטש“ מיט דעם בײַגעלייגטן בריוול פֿון זונדעלעוויטשן. קיין ליטעראַטור האָט מען בײַ אים ניט געפֿונען, אָבער לויט קאָפּל אַבראַמאָוויטשעס דערקלערונגען, האָט ער פֿריער יאָ בײַ זיך געהאַלטן טריף-פּסולס.

4) יאָסל בן הלל טריוווּש, 19 יאָר אַלט, אַ ווילנער מעשטשאַנין, האָט געהערט צום קרײַזל און איז געווען אין נאָענטע באַציִונגען מיט באַרעלן. אין קרײַזל האָט מען אים גערופֿן „סורגוטשאָוו“ און „יורידיצקי“.[14] ער האָט באַקומען צום לייענען ביכער פֿון קרײַזל און האָט זיי שפּעטער געגעבן צו באַהאַלטן קלאַטשקאָן. בײַ טריוווּשן האָט מען געפֿונען אַ מאַמר, געשריבן אין העברעיִש, וועלכער איז משמעות געווען באַשטימט צום דרוק. אין מאמר איז שטאַרק פֿאַראורטיילט געוואָרן די איצטיקע מלוכה-אָרדענונג און „עס ווערט געפֿירט אַ דיאַלאָג פֿון אַ מיאוסן אינהאַלט“.*

5) משה בן אליהו וואָלפֿסאָן, 25 יאָר אַלט, האָט געלערנט אין עטלעכע קלויזן. ער האָט זיך אַליין מודה געווען – דאָס האָבן אויך באַשטעטיקט 5 אַנדערע פּערזאָנען — אין געהערן צום קרײַזל. בײַ אים האָט זיך געפֿונען די אומלעגאַלע ליטעראַטור און אין משך פֿון צוויי חדשים צײַט איז ער געווען ביבליאָטעקאַר פֿון קרײַזל.

---

עס האָט פֿאַרעפֿנטלעכט ד״ר מ. בערקאָוויטש. זע „ממערכת „האמת“ אין „הצפירה“ נומ׳ 166 פֿון יאָר 1920 און פּ. קאָן, „נײַעס וועגן די ערשטע ייִד׳ רעוואָלוציאָנערן-פּובליציסטן“ אין „ביכער-וועלט“ 1928, נומ׳ 9.

[13] וואַנעל איז געווען אַ הויקער, דערפֿון זײַן פּסעוודאָנים („גאָרבון“ איז אין רוסיש אַ הויקער). אין דער קאָנספּיראַטיווער קאָרעספּאָנדענץ פֿון קרײַזל אין „ממערכת „האמת“ ווערט ער אָנגערופֿן „גרבונוב“, „גבני“ („הרב הגבני“) אָדער בײדע צוזאַמען („כעת חדרנו אצל הגבני גרבונוב“). ד״ר בערקאָוויטשעס אַנדערע השערות וועגן דער פּערזאָן פֿון גאָרבונאָוו-גבני זײַנען ניט ריכטיקע. אין דער יוגנט איז וואַנעל געווען אַ חבֿר פֿון י. ל. קאַנטאָר.

[14] „סורגוטש“ באַטײַט אויף רוסיש טריוואַקס און דעריבער האָט טריוווּש זיך אויסגעקליבן דעם פּסעוודאָנים „סורגוטשאָוו“. דעם צווייטן פּסעוודאָנים האָט מיר טריוווּש דערקלערט דערמיט, וואָס ער האָט געהאַט יוריסטישע נייגונגען און האָט דעמאָלט געהאַט בדעה צו ווערן אַ „טשאַסטני פּאָווערעני“ (אַ פּריוואַט-אַדוואָקאַט). אין „ממערכת „האמת“ („הצפירה“ 1920, נומ׳ 160) איז פֿאַרעפֿנטלעכט טריוווּשעס אַ בריוו צו ליבערמאַנען פֿון ד׳ תּשרי תרל״ו, אונטערגעשריבן „דן סורגוטשאָוו“.

* אין אָריגינאַל: „ведется разговор возмутительного содержания“

בײַ אים אין וווינונג פֿלעגן פֿאָרקומען פֿאַרזאַמלונגען פֿון קרײַזל, אין די פֿרײַטאָג-צו-נאַכטן און שבתים. זײַנע פּסעוודאָנימען זײַנען געווען „באַראָן" און „גינסבורג". לויט קלאַטשקאָס דערקלערונגען האָט וואָלפֿסאָן אַרײַנגעצויגן ווײַנשטיינען אין קרײַזל. בעת דער רעוויזיע האָט מען בײַ אים געפֿונען אַ גרעסערע צאָל אומלעגאַלע ביכער, בראָשורן און דעם זשורנאַל „וופּערִיאָד". וואָלפֿסאָן האָט איבערגעזעצט פֿאַרבאָטענע ביכער אויף ייִדיש („זשאַרגאָן") צום דרוקן, אויף דאַווידאָוויטשעס באַשטעלונג.[15] אַ באַווײַז דערויף איז, וואָס מ'האָט געפֿונען בײַ וואָלפֿסאָנען אין מאַנוסקריפּט אַרטיקלען „וועגן גלײַכהייט פֿון עלטערן און קינדער, וועגן דעם, אַז רעליגיע איז ניט נייטיק, און אַן אָפּהאַנדלונג פֿון דער ייִדישער געשיכטע, אין וועלכער עס ווערט אַדורכגעפֿירט דער געדאַנק, אַז די צרות פֿון ייִדישן פֿאָלק האָבן זיך אָנגעהויבן פֿון די מלכים אָן ופֿדומה".[16]

6) מיראָן בן יצחק זונדעלעוויטש, 17 יאָר אַלט, אַ מעשטשאַנין פֿון אַשמענער קרײַז, האָט געלערנט אין דער אָנהייב-שול בײַם ייִדישן לערער-אינסטיטוט, אַהרנס אַ ברודער. מיראָן איז שוין געווען פֿאַרמישט אין דער אויספֿאָרשונג פֿון 1875. לויט די דערקלערונגען פֿון גלאָבוסן, דיסלערן, וואָלפֿסאָנען, קלאַטשקאָן, טריוווּשן און יאַנטשעווסקין, האָט זונדעלעוויטש געהערט צום קרײַזל, ווו מען האָט אים גערופֿן „מיראָן". ער איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד און געווען מיט דאַווידאָוויטשן אין נעענטערע באַציִונגען, ווי די אַנדערע.

7) נאָטע בן ראובֿן בענדין, 20 יאָר אַלט, אַ געוו' תּלמיד פֿון פֿינפֿטן קלאַס ראַבינער-שול. לויט די דערקלערונגען פֿון גלאָבוסן, דיסלערן, טריוווּשן, יאַנטשעווסקין און אַבראַמאָוויטשן, איז בענדין געווען אַ טעטיקער מיטגליד פֿון קרײַזל, און האָט פֿאַרשפּרייט פֿאַרבאָטענע ליטעראַטור. בענדין האָט אויך געפֿירט ביכער קיין מינסק צו מיכאל ראַבינאָוויטשן.

8) קאָפּל בן הירש אַבראַמאָוויטש, 20 יאָר אַלט, געוו' תּלמיד פֿון פֿערטן קלאַס ראַבינער-שול, אַן אַקטיווער מיטגליד פֿון קרײַזל. ער איז געווען אין זייער נאָענטע באַציִונגען מיט דאַווידאָוויטשן, וועלכער האָט פֿאַר זײַן אַוועקפֿאָר איבערגעגעבן אים אַלע זײַנע פּריוואַטע לעקציעס. ער האָט געשטרעבט צו שטיין בראש פֿון קרײַזל, און בכדי דאָס צו דערגרייכן, האָט ער אָנגעשריבן אַנאָנימע מסירות אויף וואַנעלן, בענדינען, באַרעלן, דאַווידאָוויטשן, קלאַטשקאָן און ראָמען. ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט וואָלפֿסאָנען, און בײַ זיי פֿלעגן פֿאָרקומען די פֿאַרזאַמלונגען פֿון קרײַזל. לויט אַבראַמאָוויטשעס פֿאָרשלאָג האָט בײַ זיי אין דירה געזאָלט אײַנגעאָרדנט ווערן אַ ניי-וואַרשטאַט, אין וועלכן עס האָבן געזאָלט אַרבעטן די מיידלעך רבֿקה קלעמבאָצקי, בערטע אַרענשטאַם, גיטל גאָרדאָן און גיטל קרעמער. זײַן פּסעוודאָנים איז געווען „דיעדושקין".[17]

9) משה בן חיים ווײַנשטיין, 22 יאָר אַלט, הויזבילדונג, האָט אויך געלערנט בוכהאַלטעריע אין קיניגסבערג. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון קרײַזל, ווי דאָס האָבן

---

15 וואָלפֿסאָן איז משמעות אײנער פֿון די „פֿיר שרײַבערס-פּובליציסטן" צווישן די מיטגלידער פֿון קרײַזל, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אין אַן אַנאָנימען בריוו פֿון קרײַזל („ממערכת „האמת" אין „הצפֿירה" 1920, נומ' 166). עס איז טשיקאַווע, אַז פֿון די פֿיר האָט אײנער געשריבן העברעיִש, אײנער רוסיש און צוויי—„זשאַרגאָן". דער אַנאָנימער קאָרעספּאָנדענט איז אַגבֿ אַליין אויך פֿון די „זשאַרגאָן"-שרײַבער און ער דערציילט, אַז ער פֿאַרענדיקט אַ בוך א"ט „וועמען איז ערגער?". די באַדײַטונג פֿון וואָלפֿסאָנס פּסעוודאָנימען האָב איך ניט געקענט אויפֿקלערן.

16 „О равенстве родителей и детей, о том, что религии не нужно и образ истории еврейского народа, где проводится мысль, что бедствия еврейского народа начались со времени избрания царей и т. под.",

17 פֿון וואַנען נעמט זיך דער פּסעוודאָנים „דיעדושקין", איז שווער צו פֿאַרשטײן; אפֿשר דערקלערט ער זיך מיט זײַן פֿאַמיליע-נאָמען אבראַמאָוויטש: אבֿרהמס, פֿון אבֿרהם אָבֿינו, דעם פּאַטריאַרך, דעם זיידע?

באַשטעטיקט גלאָבוס, דיסלער, קלאַטשקאָ און טריוווש. אין קרײַזל האָט מען אים גערופֿן „איינאָוווסקי״.[18] אַרײַנגעצויגן אין דער קאָנספּיראַציע האָט אים וואָלפּסאָן. מען האָט געפֿונען בײַ אים עטלעכע פֿאַרבאָטענע ביכער.

10) אַבֿרהם בן אליהו רימאַן, 24 יאָר אַלט, הויזבילדונג. זײַן געהערן צום קרײַזל ווערט באַשטעטיקט דורך די דערקלערונגען פֿון דיסלערן, גלאָבוסן און קלאַטשקאָן.

11) מאַרצעלי עדמונד, זון פֿון קסאַווערי, יאַנטשעווסקי, אַ גראָדנער מעשטשאַנין, פֿון קאַטויל־שער אמונה, געוו׳ שילער פֿון ערשטן קלאַס גראָדנער גימנאַזיע. ער האָט געבראַכט פֿאַרבאָטענע ביכער פֿון פּעטערבורג (פֿון סטודענט ביעלסקי). יאַנטשעווסקי איז געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט די מיטגלידער פֿון די קרײַזלעך אין ווילנע און גראָדנע, אים האָט אויך „פֿאַרשאָטן״ גלאָבוס.

צו דער צווייטער קאַטעגאָריע באַשולדיקטע זײַנען פֿאַררעכנט געוואָרן אַזעלכע, וואָס מען האָט זיי חושד געווען אין געהערן צום קרײַזל, אָבער גענוג באַווײַזן דערויף זײַנען ניט געווען. פֿון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע זײַנען געווען 10 באַשולדיקטע. זיי זײַנען ניט געווען אַרעסטירט, נאָר האָבן זיך געפֿונען אונטער אַ באַזונדערער פּאָליציי־השגחה און זיי איז געווען פֿאַרווערט אַרויסצופֿאָרן פֿון ווילנע. די ידיעות וועגן זיי זײַנען אַזעלכע:

1) ישעיה בן שמואל (?) ווײַנער, 15 יאָר אַלט, הויזבילדונג, האָט זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַרקויפֿן ביכער אויפֿן ווילנער וואָקזאַל. זײַן ברודער לעוו איז געווען פֿאַרמישט אין קרײַזל פֿון 1875 און איז דעמאָלט אַנטלאָפֿן. לויט די דערקלערונגען פֿון גלאָבוסן און וואָלפּסאָנען, איז ווײַנער געווען אַ מיטגליד פֿון קרײַזל און האָט באַקומען ביכער צום לייענען. 2) יאָסל בן יחיאל (?) ראָם, 22 יאָר אַלט, אַ תּלמיד פֿון דער ווילנער ראַבינער־שול, שרײַבער אין דער ווילנער קרײַזישער אינזשעניר־פֿאַרוואַלטונג. סײַ פֿון זײַנע אייגענע דערקלערונגען און סײַ פֿון דעם בריוו צו ליבערמאַנען, וואָס מען האָט בײַ אים געפֿונען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געהאַט באַציִונגען נאָך מיטן קרײַזל פֿון 1875, נאָר ווען די פֿירער פֿון יענעם קרײַזל זײַנען אַנטלאָפֿן, האָט ראָם איבערגעריסן די פֿאַרבינדונג מיט די איבעריקע מיטגלידער. דער אינהאַלט פֿון געפֿונענעם בריוו האָט באַוויזן, אַז ראָם האָט „שעדלעכע געדאַנקען״. ער איז געווען אין קאָנטאַקט מיט דאַווידאָוויטשן און האָט אים געגעבן אַ רעקאָמענדיר־בריוו קיין מינסק צו צווענטשיקן, בעת יענער איז געפֿאָרן אַהין אָרגאַניזירן אַ קרײַזל. אין זײַנעם אַ בריוו צו ליבערמאַנען האָט ער געשריבן, אַז „ניט ווייניקער ווי אַנדערע דינט ער דער הייליקער זאַך [דעם סאָציאַליזם]״*. אַנדערע פּרטים וועגן ראָמען זײַנען באַוווּסט פֿון אַ פֿריערדיקן ראַפּאָרט, וואָס מיר האָבן ציטירט.[19] 3) אָסיפּ בן לייב ראַוויטש, אַ שילער פֿון ווילנער פּראָגימנאַזיע, און זײַן שוועסטער, 4) סאָפֿיע ראַוויטש, 20 יאָר אַלט. די באַשולדיקונג קעגן זיי ביידן האָט זיך געשטיצט אויף די דערקלערונגען פֿון גלאָבוסן, דיסלערן און קלאַטשקאָן,—אַז זיי האָבן געוווּסט וועגן דעם קרײַזל און זײַנע פֿאַרזאַמלונגען בײַ וואָלפּסאָנען און אַבראַמאָוויטשן אין דירה און פֿלעגן אַפֿילו אַהין אַרײַנקומען און נעמען ביכער צו לייענען. 5) ראָזע בת יודל נאָטעק, 26 יאָר אַלט, אַ ווילקאָמירער מעשטשאַנקע. זי האָט געוווּסט וועגן קרײַזל און אין דער קאָרעספּאָנדענץ פֿלעגט

---

18 „ענב״ איז אויף העברעיִש ווײַנטרויב. דעריבער, מן הסתם, האָט ווײַנשטיין באַקומען דעם פּסעוודאָנים „איינאָוו״־סקי.

* איניקע פּרטים וועגן יוסף ראָם (האָט ניט קיין שײַכות צו דער דרוקער־פֿאַמיליע ראָם) זע אין Био-библиогр. Словарь ב׳ 2 (70ער יאָרן), העפֿט 3, ז׳ 1355. — רעד׳.

19 ראָם ווערט דערמאָנט אין דער קאָרעספּאָנדענץ פֿון קרײַזל („שעבֿד עבֿודתו בצבֿא חמלך״), זע „ממערכת „האמת״ אין „הצפֿירה״ 1920, נומ׳ 160. ווי טריוווש כּמעט גיט, איז ראָם ניט געווען פֿון דער באַוווּסטער משפּחה ווילנער מדפּיסים.

מען זי אָנרופן „ראָזאַנאָוואַ“ אָדער „סוסאַנאַ“[20] אָדער „רובינאַ“. מען האָט ביי איר געפונען בריוו פון נאַזים וואָלפסאָנען, וואָס האָבן צום טייל באַשטעטיקט די באַשולדיקונג קעגן איר. מען האָט אויך ביי איר געפונען פאַרבאָטענע ביכער און פאַרשיידענע פאַפירן, וואָס האָבן געהערט צו קלאַטשקאָן און טריוווּשן. 6) ירמיה בן חיים וויינשטיין, 18 יאָר אַלט, דעם אויבן דערמאָנטן משהס אַ ברודער, האָט באַקומען ביכער צום לייענען און פלעגט קומען אויף די פאַרזאַמלונגען פון קרייזל. 7) אַבעל בן חיים זאַק, 28 יאָר אַלט, אַ ווילנער מעשטשאַנין. לויט דיסלערס און גלאָבוסעס רייד, האָט זאַק געהערט צום קרייזל און איז אין זיינע ענינים געפאָרן קיין מינסק. 8) סאַלאָמאָן בן חיים קאָיראַנסקי, 19 יאָר אַלט, ווילנער מעשטשאַנין, געוו׳ שילער פון פינפטן קלאַס ווילנער גימנאַזיע. אין 1875 איז ער שוין געווען פאַרמישט אין יענעם קרייזל. לויט גלאָבוסעס עדות איז קאָיראַנסקי געווען אַ מיטגליד פון קרייזל און האָט פאַרן קרייזל געגעבן געלט. 9) גרשון בן ישעיה סאַיעט, 19 יאָר אַלט, אַ ווילנער מעשטשאַנין, האָט געלערנט אין אַ ייִדישער פאָלקשול, געווען אַ מיטגליד פון קרייזל, געקומען אויף די פאַרזאַמלונגען און גענומען ביכער צום לייענען. 10 גיטל בת יצחק קרעמער, 22 יאָר אַלט, אַ ווילנער מעשטשאַנקע, געהאַט אַ מגע-ומשא מיטן קרייזל, ווי אַ באַקאַנטע פון דאַווידאָוויטשן, וועלכער פלעגט צו איר אַריינקומען אין איינעם מיט אַ געוויסן סטודענט האָראָוויטש, וואָס איז קאָנספּיראַטיוו געקומען קיין ווילנע.

די דריטע קאַטעגאָריע באַשולדיקטע האָט געבילדעט די פעריפעריע פון קרייזל. צו דער קאַטעגאָריע האָבן געהערט 12 פערזאָן. זיי האָט מען ניט באַשולדיקט, אַז זיי געהערן צום קרייזל, נאָר אַז זיי זיינען געווען אינפאָרמירט, גענומען ביכער צום לייענען אאַז״וו. אַלע 12 זיינען געווען ווילנער תושבים: 1) שמערל בן יאַנקל אָגוז, 40 יאָר אַלט, עקאָנאָם פון דער ווילנער „תלמוד-תורה“; 2) אַהרן בן שמואל פעטוכאָווסקי, 24 יאָר אַלט, געוו׳ תלמיד פון ווילנער ראַבינער-שול; 3) שעפסל בן קלמן עפּראָן, 25 יאָר אַלט, געוו׳ תלמיד פון ראַבינער-שול און געוו׳ סטודענט פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע און פון דעם באַרג-אינסטיטוט אין פעטערבורג, לעצטנס געאַרבעט אין רעדאַקציע פון דער צייטונג „ווילענסקי וועסטניק“; 4) לייב בן בער אַדלער, 22 יאָר אַלט, אָנגעשטעלטער ביים ווילנער ייִדישן פראָצענטניק דאַמסקי; 5) יאָסל בן ראובן אָגוז, 15 יאָר אַלט, אַרבעט ביים זייגערמאַכער קליאָנסקי; 6) מיראָן-שמואל בן מרדכי עפשטיין, 14 יאָר אַלט, תלמיד פון צווייטן קלאַס ווילנער פראָגימנאַזיע; 7) זוסל בן חיים לאַנצמאַן, 25 יאָר אַלט, אַרבעט אין קאַפּלאַנס אָנהייבשול אין ווילנע; 8) יצחק בן לייב ליפשיץ, 18 יאָר אַלט, פאַרנעמט זיך מיט געבן לעקציעס; 9) אָסיפ בן דוד יערמאַקס, 20 יאָר אַלט, אַ זעלנער (פריוווליקער) פון 107טן טראָיִצקער פוסגייער-פּולק; 10) דבורה בת זלמן יאָסיפאָוויטש, 17 יאָר אַלט, וווינט ביים פאָטער אַ קאָמיסיאָנער; 11) בערטע בת יודל אַרענשטאַם, 19 יאָר אַלט, וווינט ביי דער מוטער; 12) גיטל בת מאַרקוס גאָרדאָן, 16 יאָר אַלט, וווינט ביים פאָטער.

עס זיינען געווען נאָך דריי קאַטעגאָריעס באַשולדיקטע, וואָס די ווילנער אויספאָרשונג האָט זיך מיט זיי באַשעפטיקט, אָבער זיי האָבן ניט געקענט צוגעצויגן ווערן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין ווילנע.

אין דער פערטער קאַטעגאָריע ווערן אויסגערעכנט די, וואָס האָבן געהאַט באַציונגען מיטן ווילנער קרייזל, אָבער זייער עיקר טעטיקייט איז געווען אין אַנדערע שטעט. אַזעלכע זיינען געווען: אין גראָדנע — 1) סטודענט סטאַניסלאַוו ביעלסקי און 2) זיין ברודער קאָנסטאַנטין; 3) אייזיק בן ישראל סלוצקי, 25 יאָר אַלט, געוו׳ תלמיד פון 6טן קלאַס ווילנער ראַבינער-שול, 4) דוד רויטענשטיין,

20 „סוסאַנאַ“ איז די רוסישע פאָרם פון נאָמען שושנה, וואָס באַטייט אַ רויז, ראָזע.

געווי' תּלמיד פֿון דער ווילנער מוזיקשול און 5) זײַן ברודער יצחק רויטענשטיין. אין מינסק — דער געווי' פֿרײַער צוהערער פֿון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט מיכאל בן הלל ראַבינאָוויטש, 34 יאָר אַלט.[21] אין יעלעץ — 1) עדואַרד זײַדלער, 22 יאָר אַלט, 2) איוואַן (!) בן משה קרעמער, 22 יאָר אַלט, געווי' תּלמיד פֿון ווילנער ראַבינער-שול, 3) אַרקאַדי בן אליהו מוד, 18 יאָר אַלט, געווי' תּלמיד פֿון ראַבינער-שול און 4) נאָום וואָלפֿסאָן, אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון ווילנער ייִדישן לערער-אינסטיטוט אין 1875. אַנטלאָפֿן פֿון יעלעץ אין מערץ 1876. אַלע 4 זײַנען צולעצט געווען שילער פֿון דער טעכנישער אײַזנבאַן-שול אין יעלעץ.

צו דער פֿינפֿטער קאַטעגאָריע האָט מען פֿאַררעכנט די, וואָס עס זײַנען געווען אָנווײַזונגען בנוגע זייער שײַכות צו דער פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט, אָבער מען האָט זיי נישט געפֿונען אין דער היים אין ווילנע. זייערע נעמען זײַנען: 1) באַרדעס, 2) לאַפּידעס, אַ הויזלערער, 3) אָסיפּ עפּשטיין, 4) בנימין בולקין, 5) קעוועס,[22] 6) בנימין אַס, 7) זוסיע עלקעס, 8) מנשה (?) לוריע, 9) בער סעליבער, 10) נחום בן ירחמיאל ברוידע[23] און 11) ריקלע קלעמבאָצקי.

די וויכטיקסטע איז געווען די זעקסטע קאַטעגאָריע: „די באַשולדיקטע, ווי הויפּט-אָנפֿירער אין דעם ענין, וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן". אַזעלכע האָט לאָסעוו אויסגערעכנט פֿינף: ליבערמאַן, א. זונדעלעוויטש, ווײַנער, יאָכעלסאָן און דאַווידאָוויטש.[24]

צוויי פֿון די, וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן, זײַנען נאָכן פֿאַרענדיקן די אויספֿאָרשונג געקומען און זיך אַליין געמאָלדן בײַ דער מאַכט: דעם 4טן אויגוסט האָט זיך געמאָלדן אין ווילנע נחום ברוידע. מען האָט אים געלאָזן אויף דער פֿרײַ, אָבער

---

[21] ער האָט אויך געהייסן טשאָרני. אין דער קאָנספּיראַטיווער העברעיִשער קאָרעספּאָנדענץ (זע ד״ר מ. בערקאָוויטש) ווערט ער אָנגערופֿן „השחור".

[22] זײַן נאָמען איז ניט אָנגעגעבן אין די אַקטן פֿון קרײַזל. דערפֿאַר אָבער האָב איך געפֿונען אַ ביסל מער ידיעות וועגן איינעם קעוועס (משמעות דער זעלביקער) אין די מאַטעריאַלן פֿון ווילנער פּאָליציי-מײַסטער פֿאַרן יאָר 1879. עס פֿיגורירט דאָרט מאיר בן אברהם קעוועס, 22 יאָר אַלט. ער איז געווען פֿאַרמישט אין ענין פֿון אַ געהיימער דרוקערײַ, וואָס מען האָט אַנטדעקט אין פּעטערבורג; מען האָט אים דערפֿאַר געהאַט אַרויסגעשיקט קיין ווילנע, ווו ער האָט געדאַרפֿט זיך געפֿינען אונטער פּאָליציייִשער השגחה. אין ווילנע איז ער אָבער געווען ניט לאַנג; דעם 18טן אויגוסט 1879 האָט דער ווילנער פּאָליציי-מײַסטער אים אַרעסטירט און צוגעשטעלט צום אָפּשיקן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע. אַ רעוואָלוציאָנערע טוערין איז אויך געווען קעוועסעס פֿרוי דבֿורה, אַ צוגעשריבענע אין ווילנע. זי איז אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע צוגלײַך מיטן מאַן און האָט זיך געפֿונען דאָ אונטער פּאָליציייִשער השגחה „פֿאַר באַטייליקן זיך אין ענין פֿון אַטנטאַט אויפֿן לעבן פֿון זשאַנדאַרמען-שעף גענעראַל דרענטעלן" (ווילנער אוניווערסיטעטישע ביבליאָטעק, מאַנוסקריפּטן-אָפּטייל, פֿאָסץ' נומ' 562: „רשימה פֿון פּערזאָנען, וואָס געפֿינען זיך אונטער פּאָליציייִשער השגחה און וווינען אין ווילנע אין יאָר 1879).

[23] נחום ברוידע איז געווען אַ זון פֿון אַ רײַכן סוחר פֿון ערשטער גילדע. בשעת דער אויספֿאָרשונג האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן. ער ווערט דערמאָנט אין דער קאָרעספּאָנדענץ פֿון „ממערכת „האמת" ווי „ר' נחום" אָדער „ר' נחום בר—דע". נחומס זיידע איז געווען דער ווילנער גבֿיר נחום חיים ברוידע, מענדעלע מוכר-ספֿרימס אַ קרובֿ. ער האָט דאָס אַראָפּגעבראַכט קיין ווילנע דעם יונגטלעכן שלום יעקבֿ אַבראַמאָוויטש און האָט אים אויסגעהאַלטן, בעת ער האָט דאָ געלערנט אין ראַמײַלעס ישיבֿה און אין „גאונס קלויז". זע מענדעלעס אויטאָביאָגראַפֿיע אין „ספֿר זכרון" וואַרשע 1889, ז״ז 119—120.

[24] וועגן דאַווידאָוויטשן גיט אָן די זשאַנדאַרמעריע, אַז ער האָט זיך באַנוצט מיט די פּסעוודאָנימען „לעאָן", „צאַרעווסקי" און „סאַנדלער". דער ערשטער פּסעוודאָנים פֿאָדערט ניט קיין דערקלערונג (לעאָן=לייב); „צאַרעווסקי" האָט מעגלעך אַ שײַכות צו זײַן פֿאַמיליע-נאָמען: דאַווידאָוויטש=דודס, דוד המלכּס; דער פּסעוודאָנים „סאַנדלער" קלע״ט זיך אויף דערמיט, וואָס דאַווידאָוויטש האָט זיך געלערנט שוסטערײַ (סנדלר—אויף העברעיִש אַ שוסטער).

פֿאַרווערט אַרויסצופֿאָרן פֿון ווילנע. אין דער זעלביקער צײַט האָט דער געזוכטער נ אַ ־ ם וואָלפֿסאָן (פֿון יעלעצער קרײַזל) זיך געמאָלדן אין רוסישן קאָנסולאַט אין דרעזדען. מיטן הסכּם פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" איז וואָלפֿסאָנען דערלויבט געוואָרן צו פֿאָרן אַהיים און דעם 23סטן אויגוסט האָט ער זיך געמאָלדן בײַ דער ווילנער מאַכט און איז געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פּאָליציייִשער השגחה. בעתן פֿאַרהער האָט ער דערקלערט, אַז צוזאַמען מיט אים האָט געהאַלטן בײַ זיך אומלעגאַלע ליטעראַטור אין יעלעץ דער שילער פֿון דער דאָרטיקער טעכנישער שול ע ל י אַ ש ב ע ר ג.

אַ טשיקאַווער פּרט איז אויפֿגעקלערט געוואָרן בנוגע דעם סטודענט קריטשינסקי, וועלכער פֿלעגט קומען קיין ווילנע און האָט געהאַט פֿאַרבינדונגען מיטן קרײַזל. לויט די ידיעות, וואָס דער ווילנער פּאָליציימײַסטער האָט צונויפֿגעזאַמלט, איז קריטשינסקי גאָר געווען אַן אויסגעטראַכטער פֿאַמיליע-נאָמען, הינטער וועלכן עס האָט זיך באַהאַלטן אַ געוויסער מ א י ר ב ן װ אָ ל ף ק אַ ר אַ ט ש ע ר ס ק י,* אַ זון פֿון אַ נאָוואָמיראָגאָראָדער סוחר.

פֿאַר ראש-השנה האָבן זיך צום פּראָקוראָר געווענדט די פֿאָטערס פֿון באַרעלן, טריוווּשן, ווײַנשטיינען און זונדעלעוויטשן מיט אַ בקשה צו דערלויבן די אַרעסטירטע אײַנצואָרדענען אַ מנין אין די ימים-נוראים. דער פּראָקוראָר האָט דאָס דערלויבט.

דער ווײַטערדיקער גאַנג פֿון דער „דיעלאָ" האָט געקאָנט זײַן אָדער אַ געריכט-לעכער, ד"ה פֿאַרפֿירן אַ פּראָצעס, אָדער אַן אַדמיניסטראַטיווער. די פֿראַגע, וועלכן וועג אויסצוקלײַבן אין דעם פֿאַל, איז אַרומגערעדט געוואָרן אין אַ מיינונגס-אויסבײַט צווישן ווילנע און פּעטערבורג. דעם 28סטן נאָוועמבער 1876 האָט דער יוסטיץ-מיניסטער מודיע געווען דעם ווילנער פּראָקוראָר, אַז ער האָט דעם ענין פֿון ווילנער קרײַזל אויספֿירלעך ר עפּ ע ר י ר ט ד ע ם צ אַ ר און מיט זײַן הסכּמה איז באַשלאָסן געוואָרן דעם ענין צו פֿאַרענדיקן אויפֿן אַדמיניסטראַטיוון אופֿן. סאַמע אויף ניטל, דעם 26סטן דעצעמבער 1876 האָט לאָסעוו באַקומען פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" די שטראָף-רעזאָלוציע „לויטן אַלערהעכסטן באַפֿעל אין ענין וועגן פֿאַרשפּרייטן פֿאַרברעכערישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין צפֿון-מערבֿדיקער געגנט". די שטראָפֿן זײַנען געווען אַזעלכע: א) משה וואָלפֿסאָן, וואַנעל און סטאַניסלאַוו ביעלסקי—פֿאַרשיקט צו ווערן, דער ערשטער—אין וויאַטקער גובערניע, און די איבעריקע צוויי—אין אַרכאַנגעלסקער גוב'; ב) באַרעל, אַבראַמאָוויטש און יאַנטשעווסקי—אויף זעקס חדשים טורמע, און קלאַטשקאָ, טריוווּש, בענדין, משה ווײַנשטיין, רימאַן, מיראָן זונדעלעוויטש—אויף איין חודש טורמע. נאָכן אָפּקומען די שטראָף דאַרפֿן אַלע זיך געפֿינען אונטער דער השגחה פֿון דער פּאָליציי אין די ערטער, וווּ זיי וווינען; ג) זײַדלער, ישעיה ווײַנער, ירמיה ווײַנשטיין, קאָיראַנסקי, זאַק, סאַיעט, אָסיפּ ראַוויטש, סאָפֿיע ראַוויטש, גיטל קרעמער, ראָזע נאָטעק און ראָם — מאַכן זיי דורך „נאַטשאַלסטווע" אַ געהעריקן אויסרייד און וואָרענען זיי, אַז אויב אין דער צוקונפֿט וועלן זיי אַרויסרופֿן קעגן זיך אַ נײַעם חשד אין „פֿאַרברעכערישער פּראָפּאַגאַנדע", וועלן זיי טראָגן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פֿון געזעץ, דערבײַ דאַרפֿן זיי זיך געפֿינען אונטער פּאָלי-צייִשער השגחה כּל זמן די אָרטיקע מאַכט וועט ניט פֿעסטשטעלן, אַז זיי זײַנען שוין פּאָליטיש כּשר; חוץ דעם דאַרפֿן אַבראַמאָוויטש, יאַנטשעווסקי, נאָטעק און זונדעלעוויטש אַרויס-געשיקט ווערן פֿון ווילנע אין די ערטער, וווּ זיי זײַנען צוגעשריבן; ד) איבער ברוידען אײַנשטעלן אַ ניט עפֿנטלעכע פּאָליציייִשע השגחה.

* קאָנטיק אַ טעות און ס'דאַרף זײַן: ק אַ ר אַ ט ש ו נ ס ק י. אין די אַקטן פֿון פּרײַסישן געהיימען אַרכיוו וועגן דער „ניהיליסטן"-גרופּע אין בערלין געפֿינען מיר דעם סטודענט מאיר קאַראַטשונסקי; בעת די אַרעסטן אין נאָוועמבער 1878 פֿונעם בערלינער קרײַזל איז ער דורך אַ צופֿאַל ניצול געוואָרן. — ר ע ד'.

דער שעף פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" האָט צוגעגעבן, אַז די מיניסטעריומס פֿאַר יוסטיץ און אינעווייניקסטע ענינים האָבן שוין אַרויסגעגעבן געהעריקע פֿאַראָרדע־נונגען וועגן אויספֿירן דעם פּסק, פֿון זײַט אָבער פֿאָדערט ער אויף די ווילנער זשאַנדאַרמעריע, אַז זי זאָל האָבן אַ „שטרענגע און געהיימע השגחה" איבער אַלע אָנגערופֿענע פּערזאָנען. די צײַט, וואָס די באַשולדיקטע זײַנען אָפּגעזעסן ביזן אַרויסטראָגן די שטראָף־רעזאָלוציע, האָט מען זיי ניט פֿאַררעכנט.

## IV

צו דער טרוקענער שילדערונג וועגן דער ליקווידאַציע פֿון צווייטן קרײַזל, וואָס שטיצט זיך אויף פֿאַרגעלטע אַרכיוו־מאַטעריאַלן, קאַנצעלאַרישע פּראָטאָקאָלן און אָפֿיציעלע באַריכטן, וויל איך צוגעבן אַ ביסל ידיעות פֿון לעבעדיקע זכרונות, וואָס איך האָב צונויפֿגעזאַמלט אין ווילנע בײַ עטלעכע זקנים, וועלכע האָבן בשעתו געהאַט אַ שײַכות צו דעם קרײַזל, אָדער צו געוויסע זײַנע מיטגלידער, און וועלכע האָבן אין זייער זכרון אײַנגעהאַלטן פּרטים פֿון יענע געשעענישן מיט 60 יאָר צוריק. די דאָזיקע זכרונות האָבן די מעלה, וואָס זיי גיבן די מעגלעכקייט סײַ צו קאָנטראָלירן די ידיעות פֿון דער אויספֿאָרשונג און סײַ צוצוגעבן אומבאַקאַנטע פּרטים און אויך צו באַלײַכטן די געשעענישן אַזוי צו זאָגן „פֿון אינעווייניק". בײַם פֿאַרגלײַכן די שילדערונגען פֿון די בני־דור מיט די ידיעות פֿון די אָפֿיציעלע מאַטעריאַלן האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז די ידיעות פֿון דער אויספֿאָרשונג שטימען מיט די פֿאַקטן און זײַנען ניט איבערגעטריבן געוואָרן, ווי עס טרעפֿט אין אַזעלכע פֿאַלן.

*

צוערשט וועל איך איבערגעבן, וואָס עס דערציילט וועגן קרײַזל דער איינציקער פֿון די באַשטראָפֿטע אין יאָר 1876, וועלכער לעבט הײַנט אין ווילנע. דאָס איז דער מיטגליד פֿון יענעם קרײַזל יוסף אליהו טריוווש, דער עלטסטער צווישן די העברעיִש־ייִדישע שרײַבערס אין ווילנע, וועלכער האָט שוין אַגב אַמאָל אין אַ בעלעטריסטישער פֿאָרם באַשריבן דאָס קרײַזל אין דער דערציילונג „דור תהפּוכות" (וואַרשע 1881).[25]

מיט ליבערמאַנען האָט זיך טריוווש באַקענט דורך לייב דאַווידאָוויטש. דאָס איז געווען פֿאַר פּסח 1875. טריוווש איז דעמאָלט אַלט געווען 19 יאָר, האָט געהאַט געלערנט פֿריער אין „ר' שאולקעס קלויז" און אין „גאונס קלויז" און איז שפּעטער געוואָרן אַ משׂכּיל. דאַווידאָוויטש איז געווען געקומען צו טריוווישן און אים דערציילט, אַז ליבערמאַן וויל אַרויסגעבן אַ פּראַקטישן קאַלענדאַר (אין העברעיִש) און טריוווש וואָלט געקענט דערבײַ מיטאַרבעטן. טריוווש, וואָס „ליטעראַרישע אַרבעט" איז שוין געווען בײַ אים אַ שוואַכקייט,

25 אויף דער וויסנשאַפֿטלעכער זיצונג פֿון „ייִוואָ" לכּבֿוד דעם יובֿל פֿון ד"ר יצחק שיפּער האָב איך רעפֿערירט וועגן די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פֿון קרײַזל 1876; אויף דער זיצונג איז בײַגעווען דער ספּעציעל אײַנגעלאַדענער י. א. טריוווש, וועלכער האָט נאָך מײַן רעפֿעראַט אין אַ לענגערער רעדע זיך געטיילט מיט זײַנע זכרונות און אָנגעגעבן פּרטים צו געוויסע פֿראַגמענטן פֿון רעפֿעראַט און אויך וועגן באַזונדערע אָנטייל־נעמער פֿון קרײַזל. אויף מײַנע נאָטיצן פֿון טריווושעס דאָזיקער רעדע און פֿון שמועסן, וואָס איך האָב מיט אים שפּעטער געהאַט עטלעכע מאָל (צולעצט סוף יאַנואַר 1936), שטיצט זיך דאָס, וואָס איך שרײַב דאָ אין טריווושעס נאָמען. איך וויל צוגעבן, אַז טריוווש האָט זיך באַקענט אין כּתבֿ־יד מיט דעם טייל פֿון מײַן דאָזיקער אַרבעט, וואָס גיט איבער זײַנע זכרונות, און האָט זיי אַזוי צו זאָגן „אויטאָריזירט". איבעריקנס זײַנען דאָס בלויז פֿראַגמענ־טאַרישע טיילן זכרונות און מילואים. טריוווש האָט פֿריש אין זכּרון יענע יאָרן פֿון זײַן יוגנט און ער קלײַבט זיך בקרובֿ אָנצושרײַבן אויספֿירלעכע זכרונות וועגן אָנהייב פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ווילנע. טריווושעס ביאָגראַפֿיע זע אין ז. רייזענס „לעקסיקאָן" ב' I, זז' 1196–98.

האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם פֿאָרשלאָג. דאַווידאָוויטש האָט דעמאָלט טריוווּשן אַוועקגעפֿירט צו ליבערמאַנען, וועלכער האָט געוווינט אויף ראָג הקדש־גאַס און „אַראָפּ די יאַטקעס". די פֿענצטער פֿון ליבערמאַנס דירה, ווו ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט ווײַב און קינדער, זײַנען אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן „ר' שאולקעס קלויז". ליבערמאַן האָט דעמאָלט געאַרבעט אַלס צייכענער פֿון פּלענער אין אַ קאַנטאָר בײַ אַ געוויסן ראָזענטאַל (אַ קרובֿ פֿון די פּעטערבורגער ראָזענטאַלס). בעתן ערשטן באַזוך האָט מען טאַקע אין אָנהייב גערעדט וועגן קאַלענדאַר, מען איז אָבער גיך אַריבערגעגאַנגען אויף ליטעראַריש־פּובליציסטישע טעמעס, און ליבערמאַן האָט טריוווּשן געגעבן צום לייענען זײַן אַרטיקל „חזות הכל", וואָס איז געווען געדרוקט אין „השחר". אַזוי אַרום האָט טריוווּש זיך דערנענטערט צו ליבערמאַנס קרײַזל און דערנאָך צום צווייטן קרײַזל, צו וועלכן ער האָט געהערט ביז צו די אַרעסטן פּסח 1876. „פֿאַרשאָטן" געוואָרן איז דער ערשטער קרײַזל סוף יוני 1875 איבער אַ סיכסוך צווישן צוויי תּלמידים פֿון לערער־אינסטיטוט: אין כּעס האָט איינער געמאָלדן וועגן קרײַזל דעם דירעקטאָר פֿון אינסטיטוט. ווען ליבערמאַן און זונדעלעוויטש זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון ווילנע נאָכן דורכפֿאַל פֿון דעם קרײַזל, איז די אַרבעט, פֿאַרשטייט זיך, געוואָרן אָפּגעשוואַכט, אָבער ניט אויף לאַנג. וואַנעל האָט אָנגעהויבן בײַ זיך צו זאַמלען דעם עולם יוגנט און דאָס קרײַזל האָט זיך אײַנגעשטעלט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון וואַנעלן, באַרעלן און דאַווידאָוויטשן. דעם לעצטנס באַדײַטונג אין קרײַזל ווערט פֿון די היסטאָריקער איבערגעשאַצט: ניט ער איז געווען דער הויפּט־טוער, נאָר וואַנעל און באַרעל.

טריוווּש רעדט וועגן זיך, ווי וועגן אַ סקעפּטיקער פֿון נאַטור. שוין דעמאָלט האָט ער זיך באַצויגן אַ ביסל סקעפּטיש צו דער אַרבעט פֿון קרײַזל, דעריבער איז ער געווען פֿון די ווייניק טעטיקע. דערנאָך אין משך פֿון יאָרן האָט זיך בײַ אים די דאָזיקע ביטול־באַציִונג נאָך מער פֿאַרשטאַרקט, מחמת קיין „גרויסע מעשים" האָט דאָס קרײַזל ניט אויפֿגעטאָן און „ווײַטער פֿון פּראָפּאַגאַנדע און דיסקוסיעס איז מען ניט געגאַנגען". ער האַלט, אַז די רוסישע מאַכט האָט דעמאָלט אויך ניט געמאַכט קיין צו גרויסן ווזן פֿון די דאָזיקע יונגע „רעוואָלוציאָנערן", און דעריבער זײַנען זיי אָפּגעקומען מיט אַזאַ לײַכטער שטראָף; איצט אָבער, זעענדיק צו וואָס פֿאַר אַן איבערקערעניש אין רוסלאַנד די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט דערפֿירט, איז ער מודה, אַז ער האָט בשעתו ניט דערשאַצט די באַדײַטונג פֿון די ערשטע קרײַזלעך, וועלכע זײַנען דאָך סוף כּל סוף אויך געווען התחלה־קעמערלעך פֿון אַ באַוועגונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו אַזאַ כּוח.

וועגן דער טעטיקייט פֿון קרײַזל דערציילט טריוווּש, אַז זי איז בעיקר באַשטאַנען אין פֿירן פּראָפּאַגאַנדע. קודם־כּל האָט מען אַ סך געלייענט. מיט דער גרעסטער התפּעלות האָט מען אין קרײַזל געלייענט טשערנישעווסקיס „טשטאָ דיעלאַט" („עס איז געווען אַ מצוות־עשה צו לייענען טשערנישעווסקין"). זייער אָנגענומען אין קרײַזל זײַנען אויך געווען די פּאָפּולערע פּראָפּאַגאַנדע־ביכלעך, אַזוי גערופֿענע „סקאַזקעס", ווי למשל: „סקאַזקאַ אָ קאָפּיעיקע" א"אַנד. ווען מען איז זיך צונויפֿגעקומען, פֿלעגט מען ריידן וועגן די געלייענטע ביכער, וועגן די לײַדן פֿון די אַרבעטנדיקע און וועגן דעם, וואָס די וועלט איז צעטיילט אויף רײַכע און אָרעמע. מען פֿלעגט אויך אָפֿט זינגען די „מאַרסעליעזע", אַ טייל פֿראַנצויזיש (בענדין האָט געקענט אַ ביסל פֿראַנצויזיש) און אַ טייל רוסיש; ניט קיין ייִדישע און ניט קיין העברעיִשע לידער האָט מען ניט געזונגען. קיין קלאָרע סאָציאַליסטישע פּראָגראַם האָט דאָס קרײַזל ניט געהאַט. ליבערמאַן האָט אַמאָל געגעבן טריוווּשן צום לייענען באַקונינס „גאָסודאַרסטווענאָסט אי אַנאַרכיאַ" (מלוכהשאַפֿט און אַנאַרכיע)* און האָט אים דערבײַ געזאָגט: „אָט דאָס איז אונדזער

* באַקונינס באַרימט ווערק (אונטערקעפּל: „דער קאַמף פֿון צוויי פּאַרטייען אין אינטערנאַציאָנאַל") ב' 1 אַרויס אין זשענעווע 1873. — ר ע ד'.

סיסטעם". „מיר האָבן דעמאָלט געוווסט–דערציילט טריוואוש–בלויז וועגן איין אויפֿגאַבע: אַראָפּצוּוואַרפֿן דעם אַלטן סדר". אַ טייל פֿון די מיטגלידער האָבן יוצא געווען בלויז מיט לייענען טריף-פּסולע ביכער. טריוואוש אַליין האָט געלייענט אַזעלכע ביכער (ווי לאַווראָווס, למשל), נאָך איידער ער האָט זיך באַקענט מיט ליבערמאַנען. די ביכער האָט ער באַקומען פֿון נחום ברוידע. ניט אַלעמען, וואָס זײַנען געווען פֿאַרמישט אין ענין קרײַזל, האָט טריוואוש געקענט. וועגן די, וואָס ער געדענקט, גיט ער אָן אַזעלכע פּרטים:

דאַווידאָוויטש (זײַן פֿאָטער משה-חיים איז געווען אַ מלמד און אַ שדכן) האָט מען אין קרײַזל ניט ליב געהאַט. ער איז געווען ניט-חבריש און געהאַט עגאָיִסטישע נטיות. לויטן דעמאָלטיקן מנהג האָט ער זיך געלערנט שוסטערײַ. דער בײַ אַלעמען באַליבטסטער איז געווען דער יונגער ישראל-מאיר באַרעל, מען האָט אים אויך גערופֿן אויף רוסיש סידאָר, פֿאַרצויגן פֿון ישראל. ער איז געווען אַן אייניקל פֿון אַ רײַכן ווילנער יוּוועליר, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויס געשעפֿט אויף דײַטשער גאַס. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער און איידעלער בחור, געהאַט געלערנט אין „גאונס קלויז" און געשמט פֿאַר אַ געראָטן קינד. אין קרײַזל איז ער געווען איינער פֿון די אַקטיווסטע און האָט געאַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און מסירת-נפֿש. ווען מען האָט געדאַרפֿט ליבערמאַנען וואָרענען, סוף יוני 1875, אַז די פּאָליציי זוכט אים אין ווילנע, איז באַרעל געווען דער, וואָס איז צו אים אַרויסגעפֿאָרן אָנזאָגן און האָט אַזוי אַרום פּאַקטיש געראַטעוועט ליבערמאַנען. ער איז אויך געווען דער הויפּט-אימפּאָרטער פֿון אומלעגאַלער ליטעראַטור פֿון אויסלאַנד. אַ דאַנק די האַנדלס-באַציִונגען פֿון זײַן פֿאַמיליע, האָט באַרעל אַרײַנגעפֿירט די ליטעראַטור, דאָס רובֿ פֿון קיניגסבערג, ווי געשמוכלטע סחורות. ער איז געווען טריוואושעס אַ גוטער פֿרײַנד און טריוואוש קען אים פּשוט ניט גענוג אָפּלויבן. צווישן אַנדערס רימט ער זײַן בריהשאַפֿט אין קאָנספּיראַציע; ער איז געווען אַ זעלטענער בעל-סוד און אַפֿילו פֿאַר מיטגלידער פֿון קרײַזל (בתוכם אויך פֿאַר טריוואושן) פֿלעגט ער אויסבאַהאַלטן געוויסע זאַכן.

אַ זון פֿון רײַכע עלטערן איז געווען נחום ברוידע, אַן אַקטיווער מיטגליד פֿון קרײַזל. נחומס פֿאָטער, אַ גרויסער סוחר און גבאי פֿון „חסידס מנין" (דעם גאונס קלויז), איז באַשריבן געוואָרן פֿון לעוואַנדען אין ראָמאַן „באַלשאַי רעמיז". אין קרײַזל האָט מען זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו נחומס סאָציאַליזם.[26] מען האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז בײַ אים בלויז אַ שפּיל אַזאַ.* טריוואוש האָט אים באַקענט מיט ליבערמאַנען.

זייער שלעכט רופֿט זיך אָפּ טריוואוש וועגן אַריה קלאַטשקאַ. זײַן פֿאָטער איז געווען אַ מלמד און אַ דרשן אין די ווילנער קלויזן. אַריה קלאַטשקאָ פֿלעגט אויך אַרײַנקומען אין „גאונס קלויז". טריוואוש האָט דעמאָלט געהאַט צונויפֿגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט צוויי געשריבענע העברעיִשע זאַמלהעפֿטן; צום צווייטן העפֿט האָט קלאַטשקאָ געגעבן שירים, וועלכע זײַנען טאַקע געווען זייער גוטע, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען ניט געווען קלאַטשקאָס, נאָר ער האָט זיי איבערגעשריבן פֿון עפּעס אַ געדרוקטן בוך.

---

26 פֿגל׳ וואָס עס שרײַבט צו ליבערמאַנען וועגן ברוידען איינער פֿון קרײַזל „...ר׳ נחום בר—דע צלל כמעט כלו ביון אבותיו והוא בורזשוא לפני כל, אף כי על דברותיו עוד סאָציאַליסט הנהו" („ממערכת „האמת" אין „הצפירה" 1920, נומ׳ 166).

* מעגלעך, אַז דאָס איז דער נחום ברוידאָ, וואָס מיר טרעפֿן שפּעטער אַלס סטודענט אין בערלין און מיטגליד פֿון דער „ניהיליסטישער" גרופּע. ער איז געשטאַנען אין פֿאַרבינדונגען מיט ליבערמאַנען, און זומער 1878, בעת ער איז געווען אין ווין, האָט מען אים אויך אַרעסטירט. אין זײַן גבֿית-עדות דער פּאָליציי האָט ער אויך דאָ מיטגעטיילט אייניקע ידיעות וועגן די מיטגלידער פֿון דער בערלינער גרופּע. צי איז דאָס ניט דער זעלביקער ברוידאָ? — רעד׳.

וואַנעל האָט געהערט צו די זײַלן פֿון קרײַזל צוזאַמען מיט באַרעלן. זײַן פֿאָטער איז געווען אַ בעל-קורא אין שטאָט-שול און אַ מלמד. וואַנעל איז געווען אַ הויקער. לכתחילה האָט ער געלערנט אַ סך גמרא און איז געווען אַ היפּשער למדן, דערנאָך איז ער אַרײַן אין ראַבינער-שול. אין די צײַטן פֿון קרײַזל פֿלעגט ער געבן „אוראָקן". ער האָט אויך געפּרוּווט צונויפֿשטעלן לערנביכער פֿון דער רוסישער שפּראַך אין העברעיִש און יידיש און איז אויך געווען אַ שטיקל מגיה בײַ ראָמען אין דרוק. פֿון דעם אַלעמען האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן צו האָבן אַ באַזונדערע דירה (אויף וועגנערער גאַסל), און די מיטגלידער פֿון קרײַזל פֿלעגן בײַ אים זיך צונויפֿקומען.[27] ער איז געווען אַ ווילער און ערלעכער יונגערמאַן. נאָך דעם ווי ער איז צוריקגעקומען פֿון פֿאַרשיקונג, איז ער שוין געווען אַ קראַנקער און צעבראָכענער מענטש.

באַליבט אין קרײַזל איז אויך געווען מאַרצעלי יאַנטשעווסקי, אַ זייער ערנסטער און אָרנטלעכער יונגערמאַן. ער פֿלעגט אַרײַנקומען צו וואַנעלן און באַטייליקן זיך אין די דיסקוסיעס (מען האָט דיסקוטירט אויף רוסיש). משה וואָלפֿסאָנען האָט טריוואָש ווייניק געקענט. מיט אַ קורצער צײַט פֿריִער, איידער דאָס קרײַזל האָט זיך געגרינדעט, איז וואָלפֿסאָן געווען אַן אונטער-שמש אין דער משפּילישער שול „טהרת הקודש" און איז געשטאַנען בײַ דער טיר בײַם אַרײַנלאָזן דעם עולם, בעת עס האָט געדאַוונט אין שול אַ חזן. ער איז געווען פֿון די ווייניקע, וואָס זײַנען פֿאַרשיקט געוואָרן אין די ווײַטע מקומות. ער איז אָבער שפּעטער אַנטלאָפֿן פֿון דער פֿאַרשיקונג און האָט זיך ווידער באַוויזן אין ווילנע. טריוואָש האָט אים דעמאָלט געטראָפֿן בײַ באַרעלן. וואָלפֿסאָן איז באַלד אַנטלאָפֿן פֿון ווילנע קיין אויסלאַנד, טאַקע מיט דער הילף פֿון באַרעלן. אַ סימפּאַטישער און ווילער חבר איז געווען נאָטע בענדין, אַן ערנסטער יונגערמאַן, אַ זון פֿון גרויסע אביונים. ווי בענדין האָט זיך אַמאָל פֿאַרטרויט טריוואָשן, זײַנען זײַנע עלטערן פּשוט געגאַנגען איבער די הײַזער. קאָפּל אַבראַמאָוויטש, אַ זון פֿון אָרעמע עלטערן, איז געווען פֿון די אומסימפּאַטישע חברים; כּדי צו באַפֿרידיקן זײַנע אַמביציעס איז בײַ אים רעכט געווען צו טאָן מעשׂים אשר לא יעשׂו; „ער איז געווען זייער אַ פֿעיִקער, אָבער אַ חשודער פֿאַרשוין". שפּעטער איז ער געוואָרן אַ פּריוואַט-אַדוואָקאַט („טשאַסטני פּאָווערעני"). פֿון די ייִנגערע איז געווען ירמיה ווײַנשטיין, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ בוכהאַלטער; זײַן פֿאָטער איז געווען אַ סוחר און האָט געהאַלטן אַ שניטקראָם.

שמערל אָגוז, וועלכער איז אויך צוגעצויגן געוואָרן צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָט אייגנטלעך צום קרײַזל ניט געהערט. ער איז שוין געווען אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן. טריוואָש איז צו אים אַרײַנגעקומען און האָט געגעבן אַ לעקציע זײַן טאָכטער. צו אָגוזן פֿלעגן קומען יונגעלײַט פֿון קרײַזל, ווען ער פֿלעגט העלפֿן מיט אַ לעקציע אאַז"וו. אָגוז פֿלעגט אויך אַרײַנקומען צו וואַנעלן און דערמיט האָט ער געצויגן אויף זיך דעם חשד פֿון דער פּאָליציי. אַגב, ווען די פּאָליציי איז געקומען צו אָגוזן מאַכן אַ רעוויזיע, האָט מען גראָד דאָרט געפֿונען נעכטיקן ראַבינאָוויטש-טשאָרנין.

פֿון די מיידלעך געדענקט טריוואָש די ראָזע נאָטעק. זי איז געווען אַ פּראָסטע מיידל. איר האָט מען געגעבן צו באַהאַלטן אומלעגאַלע כּתבֿ-ידן, ווײַל מען האָט געמיינט, אַז בײַ איר וועט מען ניט זוכן. שפּעטער איז זי געווען אַ געוויסע צײַט אַ דינסטמיידל. ווי וויכטיקע טוער אין די קרײַזלעך מחוץ ווילנע רופֿט אָן טריוואָש אליהו סנאָפּ פֿון

27 אין פֿריִער דערמאָנטן בריוו לייענען מיר אויך „...כּעת חדרנו אצל הגבּני גרבּרנוּב. את הדיין, את ר׳ נחום ואת ר׳ ישראל אני הבאתי אליו מלבד מכּיריו התמידים אשר נמצאים [ביניהם] אנשי לב ורוח, פּה כּוּלנו שני מנינים, אך בקרוב נתהלך להדרים אחדים". „ר׳ ישראל" איז משמעות ישראל—סידאָר באַרעל.

דווינסק, סאָלאָמאָן אַ נ ד ר ע ס פֿון גראָדנע און מיכאל ר אַ ב י נ אָ װ י ט ש - ט ש אָ ר נ י פֿון מינסק.[28]

וועגן די פּראָוואָקאַטאָרן גלאָבוס און דיסלער דערציילט טריוווּש, אַז זיי זײַנען געווען אָנגעשיקט פֿון דער פּאָליציי. גלאָבוס, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען אַ באַוווּסטער פֿאַלשער עדות, געשטאַמט האָט ער פֿון אַ בעל-הבתּישער פֿאַמיליע. ערגער פֿון אים איז אָבער געווען דיסלער. אין קרײַזל האָבן זיי זיך אַרײַנבאַקומען אויף אַזאַ אופֿן. דיסלער איז אַמאָל געקומען צו וואַנעלן און געזאָגט, אַז ער וויל זיך בײַ אים לערנען רוסיש (פֿאַר געלט), ד"ה „נעמען אַן אוראָק". וואַנעל האָט דערצו ניט געהאַט קיין חשק; דיסלער האָט דאַן געפֿרעגט, צי ווען אפֿשר קלאַטשקאָ אָננעמען דעם „אוראָק", און קלאַטשקאָ האָט יאָ מסכּים געווען. דיסלער האָט גענומען אַ דירה אויף קרופּניטשער געסל און מיט דער צײַט האָבן די מיטגלידער פֿון קרײַזל אָנגעהויבן צו אים אַרײַנקומען. בײַ דיסלערן האָט מען אויך געהאַלטן אומלעגאַלע ליטעראַטור. עס האָט אַפֿילו געטראָפֿן אַמאָל, אַז אַ טייל אומלעגאַלע ביכער זײַנען בײַ אים אַוועקגעקומען; משמעות, אַז דאָס האָט ער זיי אַוועקגעטראָגן צו דער פּאָליציי. בעת מען האָט ליקווידירט דאָס קרײַזל, האָט מען גלאָבוסן און דיסלערן תּחילת אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַלע, אָבער בערך אין אַ צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען זיי באַפֿרײַט. זיי האָבן אָבער סײַ ווי שלעכט געענדיקט. טריוווּש געדענקט, אַז אָנהייב 1877, ווען ער איז נאָך געזעסן אין תּפֿיסה, האָט ער דאָרט ווידער באַגעגנט דיסלערן. מען האָט אים אַרײַנגעזעצט אין שײַכות מיט אַ קרימינעלער אויספֿאָרשונג, וואָס איז קעגן דיסלערן פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿאַר באַשווינדלען עמעצן און פֿעלשן אַן אונטערשריפֿט. אין דעם זעלביקן שיינעם ענין איז אויך געווען פֿאַרמישט גלאָבוס, אָבער ער איז ניט געווען אַרעסטירט. אַ קורצע צײַט נאָכדעם, ווי טריוווּש איז באַפֿרײַט געוואָרן פֿון תּפֿיסה, איז פֿאָרגעקומען זייער קרימינעלער משפּט. דאָס איז געווען בערך פֿרילינג 1877. טריוווּש איז אַליין געווען אויפֿן פּראָצעס אין דער פּאַראייניקטער פּאַלאַטע פֿון קרימינעלן און ציווילן געריכט. ביידנס שולד איז דערוויזן געוואָרן אויפֿן געריכט, און ביידע זײַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן. היות אָבער ווי גלאָבוס איז ניט געווען אַרעסטירט, איז ער באַלד נאָכן אַרויסטראָגן דעם אורטייל אַנטלאָפֿן; דיסלער איז אָפּגעקומען די שטראָף. וואָס עס איז שפּעטער פֿון זיי געוואָרן, איז טריוווּשן ניט באַוווּסט. וועגן דעם, אַז מען האָט גלאָבוסן געוואָלט אָפּסמען, ווייס טריוווּש גאָרניט.

---

28 פֿון די פּאָליצײַישע מקורים איז צו זען, אַז „טשאָרני" איז ניט געווען קיין פּסעוודאָנים, נאָר ראַבינאָוויטשעס אַ צווייטער פֿאַמיליע-נאָמען. זשעניע הורוויטש („די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרײַזן" אין די „רויטע בלעטער", ב׳ I, מינסק 1929) רופֿט אים אָן „דער סטודענט שוואַרץ, וועלכער האָט געוווינט אונטערן פֿאַמיליע-נאָמען ראַבינאָוויטש". די דאָזיקע ווערסיע וועגן פֿאַמיליע-נאָמען שוואַרץ ווײַזט מיר אויס צו זײַן ניט ריכטיק: אין די צאָלרײַכע ערטער, ווו ער ווערט דערמאָנט אין די אַקטן, הייסט ער רק ראַבינאָוויטש-טשאָרני. אפֿשר איז דאָ שולדיק גאָר דער איבערזעצער פֿון זשעניע הורוויטשעס אַרטיקל אויף ייִדיש פֿאַר די „רויטע בלעטער", וועלכער האָט בטעות אויך איבערגעזעצט דעם פֿאַמיליע-נאָמען „טשאָרני"? צו דעם דאָזיקן חשד פֿירט דאָס, וואָס אין דער זעלביקער הורוויטשעס זכרונות אויף ר ו ס י ש („די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג אין מינסק אין די אַכציקער יאָרן" אין זאַמלבוך Революционое движение среди евреев, מאָסקווע 1930, זז׳ 33 און 57) ווערט ער קיין איין מאָל ניט אָנגערופֿן „שוואַרץ", נאָר טשאָרני.

טריוווּש דערציילט אגב, אַז אים האָט מען געבראַכט צוזאַמען מיט ראַבינאָוויטשן צום פּאָליציי-מײַסטער. אין גאַנג פֿון אויספֿרעגן ראַבינאָוויטשן, וועלכער האָט געליקנט אין אָנגעהערן צום קרײַזל, איז דער פּאָליציי-מײַסטער אויף אים אָנגעפֿאַלן מיט די ווערטער: „Не мошенник ли вы? — у вас жена, а вы ночуете в талмуд-торе", ד"ה: „צי זײַט איר דען ניט אַ שווינדלער? — איר האָט אַ ווײַב און נעכטיקט אין תּלמוד-תּורה". ראַבינאָוויטש-טשאָרני איז פֿאַרשיקט געוואָרן אין וויאַטקער גובערניע, פֿונוואַנען ער איז אַנטלאָפֿן און האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

די רעוויזיע בײַ טריוווּשן איז פֿאָרגעקומען אין אַ נאַכט פֿון די ערשטע טעג פּסח. מען האָט אָבער בײַ אים גאָרנישט געפֿונען און דעריבער דעמאָלט אים ניט אַרעסטירט, נאָר ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, לויט דיסלערס מסירה. בכלל זײַנען די אַרעסטן געקומען אומגעריכט, הגם טריוווּש האָט זיך שפּעטער דערמאָנט, אַז מיט צוויי טעג פֿריער האָט ער באַמערקט, ווי אַ ייִדישער פּאָליציי-אַגענט טויבער האָט אַרײַנגעקוקט צו באַרעלן אין פֿענצטער. דער מאַנוסקריפּט פֿון העברעיִשן מאמר „מיט אַ מיאוסן אינהאַלט", וואָס די זשאַנדאַרמעריע דערציילט וועגן אים, איז טאַקע געווען טריוווּשעס. דאָס איז געווען אַ טייל פֿון אַן אוטאָפּיע וועגן אַ מלוכה אין דער צוקונפֿט, אָן אַ קיסר און אָן מיניסטאָרן. דעם כּתב-יד האָט ער געהאַלטן בײַ ראָזע נאָטעק און בײַ איר איז ער טאַקע געפֿונען געוואָרן. בשעת דער אויספֿאָרשונג האָט טריוווּש זיך מודה געווען, אַז ער איז דאָס דער מחבר. די אַרעסטן האָבן בײַ ווילנער ייִדן אַרויסגערופֿן אַ גרויסן טומל. דער שטאָט-מגיד ר' יצחק אליהו לאַנדוי האָט גערעדט אין שול וועגן די אַרעסטירטע יונגעלײַט, ווי וועגן מורדים במלכות. ווי טריוווּשעס פֿאָטער האָט אים דערציילט, האָט דער שטאָט-מגיד טאַקע געזאָגט אין זײַן דרשה אין דער גרויסער שול, אַז אין אַזאַ פֿאַל איז מען מחויב איבערצוגעבן „פּראַוויטעלסטווע" וואָס מען ווייס, דערבײַ זאָל ער אָבער האָבן מרמז געווען גאַנץ קלאָר, אַז מען זאָל ניט מסרן.

תּחילת האָבן אַלע אַרעסטירטע זיך געהאַלטן פֿעסט און זיך ניט מודה געווען אין גאָרניט. אַלץ האָט מען געוואָרפֿן אויף דאַווידאָוויטשן, וועלכער איז אַנטלאָפֿן. דער ערשטער האָט זיך „אײַנגעבראָכן" קלאַטשקאָ, וועלכער האָט אַלעמען אַרויסגעגעבן. גלאָבוס האָט דורכן טורמע-פֿענצטער אַראָפּגעשריען צו טריוווּשן וועגן דעם, אַז קלאַטשקאָ האָט זיך מודה געווען בײַ דער אויספֿאָרשונג. היות ווי דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר ריכטיק, האָט טריוווּש געהאַלטן, אַז עס איז שוין ניט כּדאַי ווײַטער צו לייקענען, און האָט זיך אויך מודה געווען.

אין די אַקטן ווערט עפּעס דערמאָנט אַ געשיכטע מיט „טריוווּשעס העמד". טריוווּש דערציילט וועגן דעם אָט וואָס: די אַרעסטירטע פֿלעגן קאָרעספּאָנדירן אויף אַן אומלעגאַלן אופֿן מיט זייערע נאָענטע און דערבײַ אָנווענדן פֿאַרשיידענע תּחבולות. אויך טריוווּש פֿלעגט מודיע זײַן דעם פֿאָטער יעדער מאָל נאָכן פֿאַרהער, וואָס מען האָט אים געפֿרעגט און וואָס ער האָט געענטפֿערט. איין מאָל האָט מען אים צווישן אַנדערע זאַכן געפֿרעגט, מיט וועמען באַרעל פֿלעגט קאָרעספּאָנדירן אין קיניגסבערג; טריוווּש האָט געוואָלט וועגן דער נײַער שאלה מודיע זײַן באַרעלס עלטערן, און ניט האָבנדיק קיין אַנדער מעגלעכקייט, האָט ער דאָס מיט רמזים אָנגעשריבן אויפֿן אינעווייניקסטן טייל קאָלנער פֿון זײַן שמוציק העמד, וואָס ער האָט יענעם טאָג אָפּגעגעבן פֿון תּפֿיסה. גלײַכצײַטיק האָט טריוווּש אַרויסגעשיקט אַ צעטל מיט די ווערטער: „קראו זאת באזני אברהם" (מאיר באַרעלס פֿאָטער האָט געהייסן אַבֿרהם). די טורמע-משגיחים האָבן אָבער איבערגעכאַפּט דעם אָריגינעלן „בריוו" און מען האָט ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט דעם „אוטשאָני יעווריי" יונה גערשטיין, אַז ער זאָל איבערזעצן דאָס אָנגעשריבענע. גערשטיין האָט דאָס געטאָן זייער ניט גערן און זיך אַרויסגעדרייט דערפֿון, וויפֿל עס האָט זיך נאָר געלאָזט; אַזוי, למשל, האָט ער דערקלערט, אַז ער ווייס ניט, וואָס עס באַטײַט „הר המלך" (קיניגסבערג) אין טריוווּשעס „בריוו". אויף ראש-השנה און יום-כּיפּור איז טאַקע אין „נומער 14", ווו טריוווּש איז געזעסן, אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ מנין. וועגן דעם האָבן די עלטערן זיך געווענדט צו דער מאַכט און די בקשה האָט געשריבן טריוווּשעס פֿאָטער, וועלכער האָט געקאָנט רוסיש. יום-טובֿ זײַנען די פֿאָטערס געקומען אין תּפֿיסה און דאָ געדאַווענט און פֿאַרבראַכט צוזאַמען מיט די אַרעסטירטע. טריוווּשעס פֿאָטער האָט געדאַווענט פֿאַרן עמוד.

טריוווּש האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אין אַ בעלעטריסטישער פֿאָרם געשילדערט דאָס ווילנער קרײַזל און זײַנע הויפּטהעלדן אין דער העברעיִשער דערציילונג

„דור תהפּוכות".[29] דער דאָזיקער סיפּור איז אַ וויכטיקער מקור צו דערקענען די אידעאָלאָגיע און שטימונגען פֿון די מנהיגים פֿון קרײַזל, און ס׳איז אַ וווּנדער, וואָס די היסטאָריקער האָבן זיך ביז איצט ניט פֿאַראינטערעסירט מיט דער דאָזיקער דערציילונג.[30] בנוגע די העלדן פֿון „דור תהפּוכות" דערקלערט טריוווּש, אַז „אָשר פֿראַנק" איז ליבערמאַן, „יאַקימאָוו"—אַרקאַדי זונדעלעוויטש און „בלינדמאַן"—דאַווידאָוויטש; „ברוך שלמוני" איז דער אידעאַל פֿון מחבר און די פֿאַרקערפּערונג פֿון אַ שלמותדיקן וועלטקוק, לויט ווי דער מחבר באַנעמט. די איבעריקע פּערזאָנען פֿון סיפּור, ווי שלמונים כּלה „מאַריאַ איוואַנאָווגאַ", אירע עלטערן ר׳ יונה און נעמי א"אַנד, זײַנען אויסגעטראַכטע און אַרײַנגעפּירטע פּערזאָנען. ליבערמאַנען, פֿאַרזיכערט טריוווּש, האָט ער אין „דור תהפּוכות" כאַראַקטעריזירט ריכטיק, און דאָס האָט באַשטעטיקט אין זײַן רעצענזיע וועגן „דור תהפּוכות" פּרק סמאָלענסקין (אָפּגעדרוקט אין „השחר"), וועלכער האָט ליבערמאַנען געקענט פּערזענלעך. אַקעגן דאַווידאָוויטשן, איז מודה טריוווּש, האָט ער געשילדערט פּאַמפֿלעטיש. מיט יאָרן שפּעטער האָט טריוווּש חרטה געהאַט, וואָס ער האָט אויף אַזאַ אופֿן באַפֿוילט דאַווידאָוויטשן; ווען ער האָט זיך אָבער אַמאָל וועגן דעם פֿאַרטרויט פֿאַר מענדעלע מוכר-ספֿרים, וועלכער האָט געקענט דאַווידאָוויטשן פֿון אָדעס, האָט דער „זיידע" טריוווּשן אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און אים באַרויִקט, אַז נישקשה, ער דאַרף ניט באַדויערן... אין זײַן דערציילונג ברענגט טריוווּש צום אויסדרוק זײַן גאַנצן סקעפּטיציזם בנוגע דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויף דער ייִדישער גאַס.

צווישן די געוועזענע טוער פֿון קרײַזל האָט דער „דור תהפּוכות" אַרויסגערופֿן גרויס אומצופֿרידנקייט. באַרעל איז פֿאַר דעם געווען מלא כּעס אויף טריוווּשן, און ווען ער האָט אים געטראָפֿן, האָט ער אים אָפֿן אויסגעדריקט זײַן חשד, אַז דער „דור תהפּוכות" איז אָנגעשריבן געוואָרן „לויטן ווּנטש פֿון פּראַוויטעלסטווע". אין דער אמתן איז טריוווּש דעמאָלט געווען באַהערשט פֿון אַ טיפֿער חרטה-שטימונג. דעם סיפּור האָט ער געדרוקט אויף אייגענער רעכענונג אין 1000 עקזעמפּלאַרן, וועלכע זײַנען זיך גיך פֿונאַנדערגעגאַנגען; בײַ הײַנטיקן טאָג איז דער סיפּור שוין אַ יקר-המציאות. טריוווּש דערציילט וועגן אַ צענזור-קוריאָז פֿון „דור תהפּוכות". אין אַ דיאַלאָג פֿון סיפּור ווענדט זיך איינער צום אַנדערן און באַנוצט דאָס וואָרט „תורתך", מיינענדיק דעם סאָציאַליזם; דער דעמאָלטיקער וואַרשעווער צענזאָר צימערמאַן האָט געפֿאָדערט פֿון טריוווּשן, ניט אַנדערש ער זאָל צוגעבן „הבזויה" (די שענדלעכע, דאָס מיינט: דײַן שענדלעכע תורה), וואָס טריוווּש האָט געמוזט נאָכגעבן.

*

דער צווייטער בן-דור, וואָס זײַנע זכרונות פֿון יענער צײַט וויל איך דאָ איבערגעבן, איז אַ ווילנער זקן מרדכי אַד—עס, געבוירן אין ווילנע 1854—1855. איבער אַ געוויסער סיבה האָט ער געבעטן ניט צו פֿאַרעפֿנטלעכן זײַן פֿאַמיליע-נאָמען.[31] אַד—עס איז אַלס יונגער ייִנגל אָנגעקומען אין יאָר 1869 צום אַלטן יאַנקל באַרעל, וועלכער האָט געהאַלטן אַ גרויס יוּוועליר-געשעפֿט אויף דײַטשער גאַס, און האָט געאַרבעט בײַ אים 14 יאָר.

יאַנקל באַרעל איז געווען דער גרעסטער יוּוועליר אין ווילנע און אין זײַן געשעפֿט פֿלעגן אַרײַנקומען קויפֿן די אָנגעזעענסטע לײַט פֿון שטאָט, סײַ ייִדן און סײַ קריסטן,

---

29 „דור תהפּוכות, ספּור מדבֿרי השנים האחרונות", מאת יוסף אליהו טריוואוש (ש. פּלטיאל) ווארשע תרמ"א—1881, 68 זז׳.

30 אזוי, למשל, זײַנען פֿאַראַן זייער טשיקאַווע דיאַלאָגן צווישן שלמונין (דער מחבר) און פֿראַנקן (ליבערמאַן), וועלכע ריידן אַרום די פּראָבלעמעס פֿון סאָציאַליזם, נאַציאָנאַליזם, פּאָלקסטום און שפּראַך, לויט ווי זיי זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן אין קרײַזל.

31 די ידיעות פֿון אַד—עס׳ן האָב איך באַקומען סוף אָקטאָבער 1935.

מיט איין וואָרט — „גאַנץ ווילנע", צווישן זיי פּוילישע פּריצים און אויך די „פּני" פֿון דער רוסישער מאַכט. אַזוי, למשל, פֿלעגט אָפֿט פֿאַרפֿאָרן אין באַרעלס נעשעפֿט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פּאָטאַפּאָוו מיט זײַן פֿרוי, דער זשאַנדאַרמען־שעף פּולקאָווניק לאָסעוו. וועגן לאָסעוון דערציילט אַד־עס, אַז ער איז שוין דעמאָלט געווען אַן אַלטער מאַן; מיט באַרעל דעם פֿאָטער איז ער געווען גוט באַפֿרײַנדעט. דער אַלטער באַרעל איז געווען זייער אַ חשובֿער ווילנער בעל־הבית און גבאי אין שול. ער האָט געהאַט עטלעכע זין און טעכטער, צווישן זיי אַבֿרהם באַרעל, אַ למדן און משכיל, גבאי אין קברנישער שול. דער יונגער רעוואָלוציאָנער איז געווען אַבֿרהמס זון ישראל־מאיר, אויף רוסיש האָט מען אים גערופֿן „סידאָר אַבראַמאָוויטש" און אין דער פֿאַמיליע־סבֿיבֿה פֿאַרצייגן — „סאָניע".

סידאָר איז געווען זייער אַ פֿעיִקער און איידעלער בחור, און דער אַלטער באַרעל האָט זייער ליב געהאַט זײַן גרעסטן אייניקל. סידאָר האָט אַ צײַט געלערנט אין „גאונס קלויז" און איז געווען אַרײַנגעטאָן אין לערנען. ווען סידאָר האָט פֿאַרלאָזט די קלויז און איז אַרײַן אין קרײַזל, האָט ער זיך איבערגעגעבן דער אַרבעט בלב ונפש. אויף די הוצאות פֿון קרײַזל האָט סידאָר געצויגן געלט פֿון רײַכן זיידן; דעם אַלטן באַרעל האָט דאָס קרײַזל מיט די הוצאות בשעת דער אויספֿאָרשונג אָפּגעקאָסט אַ גאָר היפּשע מטבע. לויט אַד־עסעס אָפּשאַצונג האָבן צום קרײַזל געהערט בערך אַ 20 יונגעלײַט, על פּי רובֿ אָרעמע קינדער. סידאָר פֿלעגט זיך באַנוצן אויך מיט אַד־עסן אין די ענינים פֿון קרײַזל, ווי למשל בײַם שיקן צעטלען, בריוולעך, איבערגעבן ידיעות בעל פּה אאַ"זוו. איין מאָל האָט אַד־עס לויט סידאָרס אויפֿטראָג אָפּגענומען אויפֿן באַן אַ קעסטל (משמעות מיט ליטעראַטור) און אַוועקגעפֿירט עס אויף יעדימאַנסקי זאַווולעק (איצט שאַוולער) „צו אַ הויקערל" (וואָנעל); דאָרט האָט פֿאַרן טויער אויף אים געוואַרט אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט דאָס קעסטל אָפּגענומען. די אַרעסטן האָבן אויפֿגערודערט די שטאָט. אַ באַזונדער אויפֿזען האָט אַרויסגערופֿן דער אַרעסט פֿון סידאָרן, אַ קינד פֿון אַזאַ פֿײַנער און רײַכער משפּחה.[32]

באַרעלן האָט מען אַרײַנגעזעצט אין „נומער 14", און אַד־עס האָט אים כמעט יעדן טאָג געטראָגן עסן אין תּפֿיסה. אַ דאַנק זײַנע באַציִונגען מיט דער מאַכט, איז דעם אַלטן באַרעלן ניט אָנגעקומען שווער אויסצופֿועלן דערויף אַ דערלויבעניש. דאָס צושטעלן סידאָרן יעדן טאָג עסן פֿון דער היים האָט געהאַט נאָך אַ באַדײַטונג, מחמת אַ דאַנק דעם האָט די פֿאַמיליע געקענט מיט אים זיך דורכשרײַבן. אַד־עס דערציילט, אַז דאָס טעפּל, אין וועלכן ער האָט סידאָרן געטראָגן עסן, האָט געהאַט אַ טאָפּלטן דעק מיט אַ שרויף, אַזוי אַז צווישן די דעקן האָט מען געקענט אַרײַנלייגן בריוולעך. סידאָר פֿלעגט נאָך יעדן „דאָפּראָס" (פֿאַרהער) שרײַבן גענוי, וואָס מען האָט אים געפֿרעגט.

דער אַלטער באַרעל האָט געפּטרט געלט און מי, אַז די אויספֿאָרשונג זאָל זיך גינסטיק פֿאַרענדיקן. נאָכן סוף פֿון דער אויספֿאָרשונג איז געווען נייטיק געוואָר צו ווערן, וואָס פֿאַר אַ רעזולטאַטן זי האָט געגעבן. דאָס איז געווען, איידער דער ענין איז אַריבער קיין פּעטערבורג. אַד־עס דערציילט, אַז מען האָט דעמאָלט אונטערגעקויפֿט דעם

---

32 וועגן דעם שטאַרקן רושם, וואָס די רעוויזיעס און אַרעסטן האָבן דעמאָלט געמאַכט אין שטאָט, האָט מיר אויך דערציילט דער ווילנער האַנטווערקער־טוער שמואל הורוויטש (מחבר פֿון די מעמוארן „דרײַסיק יאָר אויף דער וואַך פֿון אַנטוויקלונג און אָרגאַניזירונג פֿון ייִדישער מלאכה אין ווילנע" (ווילנע 1933), וועלכער איז שוין צו יענער צײַט געווען אַ פֿאַרשטענדיק ייִנגל. דער עולם האָט פּשוט ניט געוואָלט גלייבן, אַז בעל־הבתּישע קינדער ווי באַרעל א"אַנד, וואָס מען האָט זיי געקענט ווי לערנער פֿון „גאונס קלויז", זאָלן זײַן פֿאַרמישט אין ענין פֿון מורדים במלכות. אגבֿ וועגן „גאונס קלויז" אָדער דעם „חסידס מנין", ווי מען האָט אויך אַנדערש אָנגערופֿן די קלויז פֿון ווילנער גאון, דריקט זיך אויס ה' הורוויטש, אַז זי איז אין יענע יאָרן געווען „אַ מין אוניווערסיטעט פֿאַר דער יוגנט".

דינער פֿון דער פּראָקוראָטור און אין אָוונט איז מען אַרײַן אין קאַנצעלאַריע און מיט אַ נאָכגעמאַכטן שליסל געעפֿנט די שאַנק און אין אַ קויש אַרויסגעטראָגן די אַקטן אין אַ פֿאַרטרוילעכן אָרט; דאָרט איז שוין געזעסן אַ גרופּע יונגעלײַט, וואָס האָבן זאַלבע צוועלפֿט אין משך פֿון דער נאַכט איבערגעשריבן די אַקטן. פֿאַרטאָג האָט מען אַלץ צוריקגעבראַכט אויפֿן אָרט. נאָך דעם ווי דער ענין איז אַריבער קיין פּעטערבורג, איז דער עלטער באַרעל אַוועקגעפֿאָרן אַהין און האָט אָנגעווענדט פֿלערליי מיטלען און פּראָטעקציעס, כּדי אויסצופּועלן ניט קיין האַרבע שטראָף. אַד־עס פֿאַרזיכערט, אַז נאָר אַ דאַנק די באַמיִונגען פֿון אַלטן באַרעל אין פּעטערבורג זײַנען די יונגעלײַט אָפּגעקומען מיט אַזאַ מילדער שטראָף. נאָכן אַרויסגיין פֿון תּפֿיסה האָט סידאָר געאַרבעט בײַם זיידן אין געשעפֿט. ער האָט אָבער ווײַטער געהאַט צו טאָן מיט דער שאַרית הפּליטה פֿון קרײַזל.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט סידאָר חתונה געהאַט און איז געבליבן בײַם זיידן אין געשעפֿט. ער האָט אָבער ניט אויפֿגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיט רעוואָלוציאָנערע ענינים און האָט כּסדר געגעבן געלט אויף די צוועקן. נאָכן טויט פֿון אַלטן באַרעל האָט סידאָר געפֿירט אַליין דאָס געשעפֿט (זײַן פֿאָטער האָט געהאַלטן באַזונדער אַ מאַנופֿאַקטור־קראָם). אין די נײַנציקער יאָרן האָט באַרעל ליקווידירט דאָס יוּוועליר־געשעפֿט אין ווילנע און איז אַרויסגעפֿאָרן קיין פּאַריז, ווו ער האָט געהאַנדלט מיט בריליאַנטן. זײַן זון פֿון דער ערשטער פֿרוי איז אין פּאַריז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד. אין 1908 האָט אַד־עס זיך געטראָפֿן מיט באַרעלן אין פּאַריז, ער איז דעמאָלט געווען רײַך. סוף 1913 האָט באַרעל ליקווידירט זײַנע מסחרים אין פּאַריז און האָט זיך געוואָלט אַריבערקלײַבן קיין פּעטערבורג. ער איז דעמאָלט געקומען קיין ווילנע, כּדי אין זײַן געבוירן־שטאָט צו פֿאַרשאַפֿן זיך אַ רוסישן פּאַס. באַרעל האָט זיך באַזעצט אין פּעטערבורג און אויך דאָ געהאַנדלט מיט בריליאַנטן. די לעצטע דירעקטע ידיעה פֿון באַרעלן האָט אַד־עס באַקומען אָנהייב 1915. וואָס איז מיט אים ווײַטער געוואָרן, ווייס ער ניט, אָבער אין 1933 האָט ער געהאַט אַ ידיעה, אַז באַרעל לעבט נאָך אין לענינגראַד.

## V

נאָכן פֿאַרענדיקן די ליקווידיר־אַקציע און נאָך דעם, ווי די מיטגלידער פֿון קרײַזל ה ָבן שוין געהאַט אָפּגעקומען די תּפֿיסה־שטראָף, האָט מען זיי נאָך אַלץ ניט געלאָזט צו רו. אַזוי, למשל, האָט שעף פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" שולץ דעם 10טן אויגוסט 1877 געמאָלדן לאָסעוון, אַז ער האָט באַקומען אַ ידיעה וועגן „אַ געוויסן באַרעל, אַן אייניקל פֿון אַ זייגער־מאַכער אין ווילנע", וועלכער האַלט אונטער באַציִונגען מיט פּאָליטישע עמיגראַנטן („מיט עלפּידינען אין זשענעווע")* און שטעלט צו ידיעות פֿאַר די רוסישע רעוואָלוציאָנערע צײַטשריפֿטן אין אויסלאַנד; באַרעל זאָל האָבן אויך מיטגע־האָלפֿן בײַם אויסשרײַבן פֿון אויסלאַנד „זשורנאַלן און ביכער פֿון אויפֿהעצערישן כאַראַקטער", כּדי צו פֿאַרשפּרייטן זיי צווישן דער יוגנט אין רוסלאַנד. שולץ האָט דעריבער פֿאַראָרדנט דורכצופֿירן אַ פֿאַרטרוילעכע חקירה ודרישה. לאָסעוו האָט באַלד (דעם 15טן אָווגוסט) אָפּגעענטפֿערט, דערציילט, ווער באַרעל איז, און צוגעגעבן, אַז ער איז ערשט אין יוני באַפֿרײַט געוואָרן פֿון תּפֿיסה און אַז „דאָס נאָכשפּירן האָט ניט באַוויזן, אַז ער זאָל ווײַטער פֿירן זײַן פֿריערדיקע שעדלעכע טעטיקייט".

---

*) עלפּידין—איינער פֿון די ערשטע פּאָליטישע עמיגראַנטן, האָט געהאַט אַ פֿאַרלאַג פֿון אומלעגאַלע אויסגאַבעס. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז געווען אַן אַגענט פֿון דער רוס׳ רעגירונג. — ר ע ד׳.

האַרבסט 1877 האָט די „דריטע אָפּטיילונג“ ווידער באַקומען אַ „דאָנאָס“ פֿון ווילנע, אַז דער זון פֿון ווילנער פֿוטער־סוחר יאַפּ האָט אין אַ שמועס פֿאַרזיכערט, אַז אין ווילנע איז שטאַרק פֿאַרשפּרייט דער „וופּעריאָד“ און אַז „דער פּאָליציי וועט זיך קיין מאָל ניט אײַנגעבן צו דערגיין ווער עס זײַנען די מענטשן, וואָס באַקומען די דאָזיקע צײַטשריפֿט אין ווילנע“. עס איז ווידער אָנגעקומען אַן אָנפֿרעג פֿון פּעטערבורג, און לאָסעוו האָט דעם 18טן אָקטאָבער 1877 אין זײַן תּשובֿה אויספֿירלעכער אינפֿאָרמירט וועגן דער לאַגע אין ווילנע:

„נאָכן אַנטדעקן אין ווילנע — שרײַבט ער — אין 1876 דאָס קרײַזל פֿון דער ייִדישער יוגנט און נאָך דעם, ווי די שולדיקע זײַנען באַשטראָפֿט געוואָרן, האָט זיך צײַטווײַליק געהאַט אָפּגעשטעלט די פֿאַרברעכערישע טעטיקייט פֿון דערמאָנטן קרײַזל. אָבער דאָס ווײַטערדיקע נאָכשפּירן די פּערזאָנען, וועלכע האָבן געהאַט געהערט צום קרײַזל, האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז עטלעכע פֿון זיי האָבן גענומען ווײַטער פֿירן פּראָפּאַגאַנדע און האָבן ווידער אָרגאַניזירט אַ געהיים קרײַזל. אַלע פֿאַרטרויליכע ידיעות, וואָס זײַנען ביז הײַנט צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן וועגן דאָזיקן קרײַזל, אַנטהאַלטן אָבער נאָך ניט אַ גענוגן יסוד כּדי אָנצוהייבן אַ שטראָף־אַקציע קעגן די חשודיקע פּערזאָנען. דעריבער ווערט אין הסכּם מיטן באַריכט, וואָס איך האָב צוגעשטעלט דעם ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, און פּערזענלעכן הסכּם מיטן פּראָקוראָר ווײַטער געפֿירט די געהעריקע נאָכשפּירונג כּדי צונויפֿצוזאַמלען פּאָזיטיווע באַשולדיקונגס־באַווײַזן. ליפּמאַן בן יאָסל יאַפּ, 26 יאָר אַלט, ווי אַ געבילדעטער ייִד, קען זיך מן הסתּם מיט דער יוגנט און האָט געקאָנט וויסן, אַז איינער האָט אַ „וופּעריאָד“, און האָט דאָס דערציילט, אָבער זײַנע ווערטער האָבן ניט קיין באַדײַטונג. אויף וויפֿל עס איז באַוווּסט, געפֿינען זיך אין ווילנע ביכער און צײַטונגען פֿון אַ פֿאַרברעכערישן אינהאַלט אין אַ קליינער צאָל אין אומלויף אויסשליסלעך נאָר צווישן די מיטגלידער פֿון דער אויבן דערמאָנטער געהיימער ייִדישער חבֿריא. די דאָזיקע ליטעראַטור וועט מען אויסגעפֿינען, ווען עס וועט קומען די צײַט און עס וועט מעגלעך זײַן אָנצוהייבן אַן אויספֿאָרשונג“.

מען זעט בכן, אַז אין 1877 איז דאָך נאָך געווען אַ שטיקל באַוועגונג צווישן דער ייִדישער יוגנט אין ווילנע. מיט אַ יאָר שפּעטער, סוף זומער 1878, האָט די צענטראַלע מאַכט אין פּעטערבורג באַקומען אַן אַנאָנימען בריוו פֿון ווילנע ווידער מיט אַ מסירה, אַז די הויפּטטוער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין שטאָט זײַנען די תּלמידים פֿון ווילנער ייִדישן לערער־אינסטיטוט,[33] וועלכע באַמיען זיך „מיט פֿלײַס צו פֿאַרשפּרייטן ליבעראַלע אידעען צווישן דער אָרטיקער יוגנט און פּלאַנעווען אַפֿילו אַן אַטענטאַט אויף לאָסעווס לעבן“. דער אַנאָנימער בריוו איז אַריבערגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע, און לאָסעוו האָט פֿאַרפֿירט אַן אויספֿאָרשונג. דעם 8טן יאַנואַר 1879 האָט לאָסעוו, צוריקשיקנדיק דעם אַנאָנימען בריוו, געמאָלדן, אַז די מסירה האָט ניט קיין שום גרונד און די מעשה מיטן אַטענטאַט איז אַן אויסגעטראַכטע. „בכלל — האָט ער צוגעגעבן — איז איבער דער ייִדישער יוגנט אײַנגעשטעלט אַ שטענדיקע וואַכזאַמע השגחה און אַחוץ קעגנזײַטיקע באַציִונגען צווישן זיך אַליין, האָט מען נאָך בײַ זיי קיין שום בייז ניט באַמערקט“. וואָס איז נוגע דעם אַנאָנימען בריוו, האָט לאָסעוו פֿעסטגעשטעלט, אַז זײַן מחבר איז דער געוועזענער תּלמיד פֿון ווילנער ייִדישן לערער־אינסטיטוט שמואל קאַגאַן, וועלכער איז אין 1877 אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון אינסטיטוט „פֿאַר שלעכטער אויפֿפֿירונג“. עס האָבן אָבער געפֿעלט באַווײַזן, כּדי מען זאָל קענען קאַגאַנען צוציען צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן שרײַבן אַן אַנאָנימע אומבאַגרינדעטע מסירה.

---

33 ווי באַוווּסט, איז דער מלוכהשער ייִדישער לערער־אינסטיטוט אין ווילנע געשאַפֿן געוואָרן אין יאָר 1873 אויפֿן אָרט פֿון דער ראַבינער־שול. דער לערער־אינסטיטוט האָט עקסיסטירט אין ווילנע ביזן יאָר 1915.

ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט, זײַנען אַלע באַשטראָפֿטע אין ענין קרײַזל געשטעלט געוואָרן אויך אונטער אַ פּאָליצייִשער השגחה, דערבײַ איז אָבער ניט אָנגעוויזן געוואָרן אויף ווי לאַנג. מיר געפֿינען דעריבער די באַשטראָפֿטע נאָך אין משך פֿון אַ גאַנצער ריי יאָרן אין די אַקטן פֿון דער ווילנער פּאָליציי אין די רשימות פֿון די, וואָס זײַנען אונטער אַ השגחה. אַזוי, למשל, אין 1879: נחום ברוידע, מאיר באַרעל, אײַזיק סלוצקי, משה ווײַנשטיין, מיראָן זונדעלעוויטש, רימאַן, ירמיה ווײַנשטיין, אָסיפּ ראַוויטש און יוסף ראָם, וועלכע האָבן געוווינט אין איין ראַיאָן פֿון שטאָט.

די „השגחה“, אַ פֿאַרטרויליכע, איז געווען זייער אַ שטרענגע, באַזונדערס בנוגע די וויכטיקערע טוער. ספּעציעלע אַגענטן—שפּיאָנען פֿלעגן זיי כסדר נאָכגיין טריט בײַ טריט און יעדן טאָג צושטעלן אַ געשריבענעם ראַפּאָרט. איך האָב אין די אַקטן געפֿונען אַ גאַנץ פּעקל אַזעלכע טאָג-ראַפּאָרטן פֿון פּאָליציי-אַגענטן, וועלכע האָבן נאָכגעשפּירט ווילנער „קראַמאָלניקעס“ אין די יאָרן 1881 און 1882, צווישן זיי נחום ברוידען און מאיר באַרעלן.[34]

די פֿאַרטרויליכע פּאָליצייִשע השגחה איבער באַרעלן און זײַנע חבֿרים האָט געדויערט ביזן יאָר 1883. אין די לעצטע פּאָליצייִשע באַריכטן, וואָס מיר פֿאַרמאָגן טיילווײַז,[35] געפֿינען מיר אַזעלכע ידיעות פֿון אָנהייב 1883: באַרעל,—24 יאָר אַלט, וווינט אויף דײַטשער גאַס בײַ די עלטערן אין אייגענעם הויף; גרשון סאַיעט,—25 יאָר, אַ זייגער-מאַכער, וווינט אויף בלאַגאָוויעשטשענסקע-גאַס, האָט אַ ווײַב; אַבֿרהם רימאַן—געבוירן אין ווילנער אויעזד, 31 יאָר, וווינט אויף דײַטשער גאַס און איז אַ פּריוואַטער אָנגעשטעלטער אין סירקינס בוכגעשעפֿט, קיין פֿאַמיליע האָט ער ניט; עדואַרד זײַדלער—אַן אײדלמאַן, פֿון רוימיש-קאַטוילישער אמונה, 31 יאָר, וווינט אויף בלאַגאָ-וויעשטשענסקי-גאַס, אַרבעט אין דער אַפּטייק פֿון פֿאָטער און וווינט צוזאַמען מיטן פֿאָטער און ברודער; מיכאל ראַבינאָוויטש, ער הייסט אויך טשאָרני—געבוירן אין ווילנע, 50 יאָר אַלט, וווינט אין איגנאַטיעווער געסל, פֿאַרנעמט זיך מיט לערנען מיט ייִדישע קינדער און האָט אַ ווײַב מיט קינדער, וואָס וווינען מיט אים צוזאַמען.

דעם 10טן מערץ 1883 האָט דער פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט פֿונאַנדערגעשיקט אַ צירקולאַר מיט אַ רשימה פֿון די פּערזאָנען, וואָס די פּאָליציי-השגחה איבער זיי ווערט להבא אָפּגעשטעלט. אין ווילנע איז לויט דעם דאָזיקן צירקולאַר אַראָפּגענומען געוואָרן די השגחה פֿון 17 פּערזאָן, צווישן זיי זײַנען 12 געווען אַמאָליקע מיטגלידער פֿון קרײַזל אין 1876, הײַנו: באַרעל, סאַיעט, ראָזע נאָטעק, סאָפֿיע ראַוויטש, פֿייגע קרעמער, בענדין, ווײַנשטיין, זײַדלער, ווײַנער, אָסיפּ ראַוויטש, רימאַן און נחום ברוידע. בעת דעם קאָנטראָל, וואָס די ווילנער פּאָליציי האָט דורכגעפֿירט אין שײַכות מיטן דערמאָנטן צירקולאַר, איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אויסער פֿייגע קרעמער האָבן אַלע איבעריקע ווי פֿריער געוווינט אין ווילנע, און פֿון דעמאָלט אָן האָט מען זיי שוין מער ניט געטשעפּעט.

אַזוי אַרום איז ענדלעך ליקווידירט געוואָרן דער ענין קרײַזל פֿון 1876.

---

34 די דאָזיקע טשיקאַווע ראַפּאָרטן געפֿינען זיך אין די זאַמלונגען פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט צווישן די אַרכיוו-מאַטעריאַלן, וואָס עס האָט געשאָנקען דער ווילנער בוכהענדלער י ע ק ב ה י ר-ש אָ וו ס ק י. וועגן נחום ברוידען זײַנען דאָ פֿאַראַן 14 און וועגן באַרעלן—3 ראַפּאָרטן.

35 אין די זאַמלונגען פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט.

# דאָס לעבן פֿון אַ רעוואָלוציאָנערן עמיגראַנט

## זכרונות

### פֿון שאַרל ראַפּאָפּאָרט (פּאַריז)

דעם קערן פֿון די דאָזיקע זכרונות בילדן די אויטאָביאָגראַפֿישע עפּיזאָדן, וואָס דער אַלטער חשובֿער רעוואָלוציאָנערער טוער שאַרל (חנן) ראַפּאָפּאָרט האָט מיר זיי אויספֿירלעך דערציילט און וואָס איך האָב פֿאַרשריבן אין ייִדיש. אויסער דעם זײַנען דאָ אויסגענוצט געוואָרן זײַנע מעמוארן אין רוסיש, וואָס ליגן אין כּתבֿ־יד (טיילן פֿון זיי זײַנען געווען געדרוקט אין דער פּאַריזער ייִדישער צײַטונג „עמעס" — אויגוסט 1931 — יאַנואַר 1932, — וואָס איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען); אויסגענוצט זײַנען געוואָרן אויך זײַנע קורצע זכרונות, וואָס זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל Красная Летопись נומ' 5 (1922—23) וועגן דעם ענין 1טן מערץ 1887 און דעם אומלעגאַלן קרײַזל אין ווילנע.

דער טעקסט איז פֿון ש. ראַפּאָפּאָרטן איבערגעקוקט און אויטאָריזירט געוואָרן. די הערות אונטערן טעקסט זײַנען צוגעגעבן געוואָרן פֿון אונדז.

**א. טשעריקאָווער**

## I

### די חיים. — דער חדר. — די ישיבֿה.

איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ חסידיש בעל־הבתּישן הויז אין דוקשט, אַמאָל קאָוונער גובערניע, אויף דער באַן־ליניע וואַרשע—פּעטערבורג, צווישן דווינסק און ווילנע, ניט ווײַט פֿון סווענציאַן. מײַן פֿאָטער איז געווען דאָ אַ „פּאָדריאַטשיק" און האָט געבויט די סטאַנציע אין דוקשט; ער האָט אויסגעבויט אויך אַ הויז פֿאַר זיך, דאָס ערשטע הויז אויף דער סטאַנציע. ער איז געווען אַ ייִד אַ למדן, אַ פֿרומער קאָפּוסטער חסיד, אָבער אָן צבֿיעות, דערבײַ זייער אַ וויציקער און קלוגער, מיט אַ גוט הארץ. טאָג און נאַכט פֿאַרנומען מיט זײַנע געשעפֿטן, האָט ער דאָך געפֿונען צײַט צו לערנען און אַרײַנקוקן אין אַ ספֿר, דער עיקר אין קבלה־ספֿרים. שבת אָדער יום־טובֿ פֿלעגן זיך בײַ אונדז צונויפֿקומען קאָפּוסטער חסידים פֿון אַרום, און איך געדענק די בין־השמשותן אין שטוב, ווי די חסידים פֿלעגן זאָגן תּורה אָדער אַמאָל נעמען אַ לחיים. שפּעטער האָט זיך מײַן פֿאָטער פֿאַרנומען מיט תּבֿואה־האַנדל און האָט טראַנספּאָרטירט תּבֿואה קיין דײַטשלאַנד דורך קיניגסבערג. די מאַמע איז געווען שטענדיק פֿאַרנומען מיט דער בעל־הבתּישקייט, דערצו געהאַט אַ שענק און אַן אַכסניה, טאַקע בײַ אונדז אין הויז. שפּעטער האָט דער טאַטע פֿאַרלאָרן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט און איז געשטאָרבן (בעת איך בין נאָך געווען אין גימנאַזיע) אין דחקות ערגעץ אויף אַ בוידעם אין ריגע.

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1865. זייער פֿרי האָט מען מיך אָפּגעגעבן אין חדר. אַז איך בין אַלט געווען אַ יאָר 7—8, האָט מען מיך אָפּגעשיקט צום זיידן, דער מוטערס פֿאָטער, וואָס איז געווען אַ מלמד אין גריווקע, אַ פֿאָרשטאָט פֿון דווינסק, וווּ איך האָב אָנגעהויבן לערנען גמרא. שפּעטער האָב איך אַ קורצע צײַט געלערנט אינעם שטעטל

ווידז און בין דערנאָך אַריבער אין דער ישיבה אין דרויע, לעבן דווינסק. אין דער ישיבה האָב איך געשמט פאַר אַן עילוי, און מײַנע עלטערן האָבן ניט אַנדערש געוואָלט מאַכן פון מיר אַ רבֿ. געווען בין איך קינדווײַז זייער פרום; איך געדענק, אַז איך האָב געזאָגט „שמע ישראל״, בין איך ממש גרייט געווען צו גיין אויף קידוש-השם, ווי אין די ספרים שטייט. מײַן פרומקייט האָט מיר שטאַרק געהאָלפן, איך זאָל ניט פאַרדאַרבן ווערן אין דער צעלאָזענער חבֿרה פון די דערוואַקסענע חדר-יִנגלעך און ישיבֿה-בחורים, וואָס האָבן מיך, דעם קלענסטן יִנגל צווישן זיי, אויך געוואָלט אַרײַנשלעפּן אין זייער ניבול-פה און יאָגעניש נאָך מיידלעך. אַ לאַנגע צײַט בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ כּדי ניט צו קוקן אויף ווײַבער — אַזוי פרום בין איך דעמאָלט געווען.

ווי אַלע ישיבֿה-בחורים, האָב איך געגעסן טעג, הגם מײַן טאַטע איז געווען אַ ייִד אַ בעל-הבית, און אייגנטלעך וואָלט איך געקענט אויסקומען אָן דעם. אָבער אַזוי איז שוין געווען דער שטייגער. בעת איך בין געווען אין דרויער ישיבֿה, האָט גראָד אויסגעבראָכן די טערקיש-רוסישע מלחמה (1877—1878), און אין שטעטל האָבן זיך די ייִדן צעטיילט אין צוויי פּאַרטיעס — אין „טערקן״ און אין „רוסן״, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אַמפּערן זיך איינע מיט די אַנדערע; די „טערקן״ האָבן געטענהט, אַז טערקײַ וועט גובֿר זײַן, ווײַל פאָניע קען ניט מלחמה האַלטן, און די „רוסן״ האָבן געטענהט, אַז פאָניע איז נאָך פאָניע און דער טערק וועט קריגן די מפּלה. אין שטעטל האָט זיך באַקומען די „הצפירה״ און איך האָב ליב געהאַט אַרײַנצוקוקן אין דער צײַטונג; פלעגן זיך ייִדן אַרומשטעלן אַרום מיר אין אָוונט אין בית-המדרש און הייסן זיי לייענען וואָס שרײַבט מען אין די גאַזעטן וועגן דער מלחמה.

דערנאָך האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים און האָב געלערנט אַ שטיקל צײַט פאַר זיך. איין מאָל האָב איך צופעליק דורכגעלייענט אין „הצפירה״, אַז דער מוכר-ספרים צוקערמאַן אין וואַרשע שיקט צו אומזיסט קאַטאַלאָגן פון העברעיִשע ספרים. מיר איז געווען טשעקאַווע צו הערן וואָס שרײַבן די אפּיקורסים, און איך האָב געבעטן מיר צוצושיקן אַ קאַטאַלאָג. אַנשטאָט דעם האָב איך פון צוקערמאַנען באַקומען אַ ביכל „השחר״, וואָס פּרץ סמאָלענסקין האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן, און אין „השחר״ איז געווען דער קאַטאַלאָג. געווען איז עס קורץ פאַר מײַן בר-מצווה, און מײַן כּוונה איז געווען אַ כּשרע: „דע מה שתשיב לאפּיקורס״ — האָבן אַרגומענטן כּדי צו קענען אָפּענטפערן די אַפּיקורסים. אַז דער טאַטע האָט דאָס ביכל דערזען, איז ער געבליבן אַ טויטער, און אויף אַ געהיימען ישובֿ-הדעת בײַ אונדז אין שטוב איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרברענען דאָס טריף-פּסול. דאָס האָט מיך אויפגערייצט, און איך האָב שוין געהיים אָנגעשריבן צום מוכר-ספרים צוקערמאַן, ער זאָל מיר צושיקן די השכּלה-ביכלעך. באַגינען פלעג איך לויפן צו דער סטאַנציע און אָפּוואַרטן די פּאָסט פון וואַרשע, און בכדי קיינער זאָל מיך ניט כאַפּן, פלעג איך דאָס טריף-פּסול לייענען אין באָד, וווּהין קיינער האָט אין מיטן וואָך ניט אַרײַנגעקוקט.

אַזוי האָב איך זיך באַהאַלטענערהייט באַקענט מיט דעם „השחר״, מיט פּרץ סמאָלענסקינס ווערק בכלל, מיט מאַפּוס ראָמאַנען און מיטן ראָמאַן פון ש. י. אַבראַמאָוויטש „האָבות והבנים״. איך האָב געלייענט די „הצפירה״ און אויך דעם „המליץ״, וואָס איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן, און איך האָב אַפילו אַליין אָפּגעדרוקט אַ פּאָר אַנאָנימע קאָרעספּאָנדענציעס אין איינער פון די צײַטונגען, אָבער ניט זייער אינהאַלט און ניט די נומערן געדענק איך איצט ניט. די השכּלה-ליטעראַטור האָט געבראַכט צו אַ גאַנצער איבערקערעניש אין מײַן נשמה, האָט אויפגעוועקט דעם חשק צו אַלגעמיינעם וויסן און מיך געמאַכט פאַר אַן אַפּיקורס. אַ באַזונדער שטאַרקע השפּעה האָט אויף מיר געהאַט דער ראָמאַן „האָבות והבנים״, און איך האָב בײַ זיך פעסט באַשלאָסן נאָכצוטאָן דעם העלד פון ראָמאַן, פאַרלאָזן די היים און פאָרן זוכן בילדונג. געהיים פון די עלטערן האָב איך געקראָגן אַ פּאַס און האָב זיך אַוועקגעלאָזט קיין ווילנע מיט דער כּוונה אויסצולערנען זיך

דאָ רוסיש און אַרײַנטרעטן אין אַ שול. דער אויף טויט דערשראָקענער טאַטע האָט אָנגעפֿרעגט אַן עצה בײַם קאָפּוסטער רבין, וואָס זאָל ער טאָן, און דער רבי האָט געענטפֿערט: „זאָל שוין דער בחור פֿאָרן".

אין ווילנע האָב איך קיינעם ניט געהאַט. דורך צוקערמאַנען, דעם מוכר־ספֿרים, וועלכער איז געווען מײַן איינציקע פֿאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט, האָב איך געקראָגן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צום ווילנער משׂכּיל און העברעיִשן שרײַבער משה ראָזענסאָן. ראָזענסאָן איז געווען פֿאַרבונדן מיט די לאָנדאָנער מיסיאָנערישע געזעלשאַפֿטן און האָט אין זײַנע העברעיִשע ווערק געפּריידיקט מיסיאָנערישע אידעען. ער האָט מיך מקרבֿ געווען, דאָס הייסט ער האָט מיך תּיכּף אויסגענוצט און פֿאַרגעשלאָגן צו ברענגען אין אָרדענונג זײַנע ספֿרים — ער האָט געהאַט אַ רײַכע יִדישע ביבליאָטעק[1]. פֿאַר דער אַרבעט אַ גאַנצן טאָג האָט ער מיר געצאָלט גאַנצע צוויי רובל אַ חודש. אויף די 2 רובל האָב איך די ערשטע צײַט געלעבט אין ווילנע. פֿאַר אַ ווינקל אין אַ צימער ערגעץ אין אַ לאָך בײַ אַ קרעמער האָב איך געצאָלט לערך 70 קאָפּיקעס; שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דעם קרעמערס דירה געפֿינט זיך אין אַ הויף, ווו ס'איז געווען אַ בית־הזונות.

איך האָב זיך מיטן גאַנצן ברען גענומען צו דער רוסישער „גראַמאַטע". מײַנע קענטעניש אין רוסיש זײַנען געווען אַזוי שוואַך, אַז מ'האָט מיך אַפֿילו ניט געוואָלט אָננעמען אין דער יִדישער אָנהייבשול; שפּעטער אָבער בין איך אין דער שול אַרײַן און האָב זי אין משך פֿון עטלעכע חדשים געענדיקט און זיך גענומען גרייטן צו די עקזאַמענס אין 4טן קלאַס גימנאַזיע. קיין לערער האָב איך ניט געהאַט און געמוזט צו אַלץ דערגיין אַליין מיטן אייגענעם שׂכל. טאָג ווי נאַכט האָב איך געהאַלטן אין איין שטודירן די אין גאַנצן פֿאַר מיר נײַע לימודים. אַזוי זײַנען אַוועק צוויי יאָר. מײַן בעל־טובֿה ראָזענסאָן האָב איך אַוועקגעוואָרפֿן און האָב געפֿונען אַ שטעלע פֿון אַ שיקייִנגל בײַ אַ רוסישן „סודעבני פּריסטאַוו" — אַ געריכטס־עקזעקוטאָר, וואָס פֿלעגט מיך אַרומשיקן מיט „פּאָוועסטקעס" און מיט געלטמאַנונגען. דערפֿאַר האָב איך באַקומען 7 רובל אַ חודש — אַ גאַנצער פֿאַרמעגן פֿאַר מיר. אין גאַס מיט די „פּאָוועסטקעס" און אין מײַן לאָך אין דער וווינונג האָב איך געהאַלטן אין אײַנחזרן און גרייטן זיך צו די עקזאַמענס. די אַלגעמיינע לימודים זײַנען מיר אָנגעקומען ניט שווער, ערגער איז אָבער געווען מיט דער אויסשפּראַך פֿון רוסיש. אַ באַזונדער צרה זײַנען געווען די „סוויסטיאַשטשי" און „שיפּיאַשטשי" קלאַנגען פֿון דער רוסישער שפּראַך, די אַלע „ז", „ס", „צ", „ש", „טש", „שטש" וכדומה שטרויכלונגען פֿון דער רוסישער גראַמאַטיק, מיט וועלכע איך האָב אַ שטיק לעבן געהאַט צו קעמפֿן און אויף וואָס עס ווערן אַזוי אָפֿט געשטרויכלט די ייִדן אין אונדזערע געגנטן. איך פֿלעג אַרומגיין איבער די גאַסן און כּסדר אײַנחזרן די קלאַנגען, „שיפּען" און „סווישטשען", און דער עולם אַרום פֿלעגט אויף מיר קוקן, ווי אויף אַ מין צעדרייטן.

סוף כּל סוף האָב איך גובֿר געווען די תּורה, אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין ווילנע איז ניטאָ קיין וואַקאַנטער פּלאַץ אין גימנאַזיע, און מ'האָט מיך צו די עקזאַמענס ניט צוגעלאָזט. איך האָב דעמאָלט באַשלאָסן צו פֿאָרן עקזאַמענירן זיך אין סוראַזש, טשערניגאָווער גובערניע, אין 4טן קלאַס פֿון פּראָגימנאַזיע, ווו־איך האָב געהערט־ ס'איז געווען פּלאַץ. אָבער איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַנדער צרה: איך בין דעמאָלט געווען אַ יאָר 15–16, דאָס מיינט אַ ביסל עלטער, ווי עס פֿאָדערט זיך פֿאַרן 4טן קלאַס; האָב איך ניט לאַנג איבערגעקלערט און האָב מיר אין מײַנע פּאַפּירן קונציק איבערגעמאַכט די יאָרן מיט אַ יאָר יִנגער און האָב זיך געשטעלט צום עקזאַמען. דער לערער אין סוראַזשער פּראָגימנאַזיע, וואָס האָט מיך עקזאַמענירט, האָט קאָנטיק קיין גרויס

---

[1] די ביבליאָטעק פֿון משה ראָזענסאָן איז נאָך זײַן טויט (1896) אַריבער צו דער „חבֿרה מפֿיצי השׂכּלה" אין פּעטערבורג.

חשק ניט געהאַט מיך דורכצולאָזן, אָבער ער האָט גאָר ניט געקענט מאַכן, ווײַל איך האָב דעם עקזאַמען גוט אויסגעהאַלטן. צום סוף האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן: „אויף וועמען זײַט איר ענלעך, אויפֿן פֿאָטער אָדער אויף דער מוטער?"—מײַן אויסזען איז אים משמעות ניט שטאַרק געפֿעלן געוואָרן, און מסתּמא האָב איך טאַקע ניט זייער רעספּעקטאַבל אויס־געזען, און ער האָט מיר געוואָלט אַ שטאָך טאָן. איך האָב אים דערויף מיט אַ שמייכל געענטפֿערט: „איך וויל קיינעם פֿון דיביידן ניט באַליידיקן"... פֿון יעמאָלט אָן האָט ער מיך געלאָזט צו רו.

אין סוראַזשער פּראָגימנאַזיע בין איך אָפּגעווען אין גאַנצן איין יאָר און בין אַריבער אין ווילנער גימנאַזיע, אין 5טן קלאַס. ווי האָב איך דעם יאָר אין פֿרעמדן סוראַזש געלעבט, פֿאַרשטיי איך ביז איצט ניט. עמעצער פֿון די אָרטיקע תּושבֿים, וואָס האָט געהערט וועגן מיר, האָט אַוועקגעשריבן אַ בריוו צום באַראָן גינצבורג אין פּעטערבורג, און אין משך פֿון עטלעכע חדשים האָט מען מיר פֿון פּעטערבורג צוגעשיקט אַ קליינע שטיצע. אין ווילנער גימנאַזיע בין איך אָפּגעווען פֿינף יאָר און אין 1887 האָב איך זי געענדיקט. דאָ האָט מען מיך שוין געקענט, איך האָב געגעבן לעקציעס און צום סוף ניט שלעכט פֿאַרדינט.

איך געדענק די ערשטע יאָרן, ווען איך האָב נאָר גענומען לערנען די רוסישע גראַמאַטיע און לייענען ביכלעך, האָט דער טאַטע איין מאָל געכאַפּט אַ קוק אין מײַן אָנהייב־כרעסטאָמאַטיע פֿון דער רוסישער שפּראַך און דערזען דאָרט אַ בילד, ווי וואַניע פֿירט אַ שמועס מיט זײַן הונט. „אָט דאָס איז עס די תּורה, נאָך וועלכער דו יאָגסט זיך?"—האָט ער צו מיר געזאָגט מיט גרויס חידוש און ביטול. אָבער איין מאָל האָט ער מיך געכאַפּט מיט דער ביבל אין אַ רוסישער איבערזעצונג (מײַן הויפּט־לערנמיטל פֿון דער רוסישער שפּראַך), און בטבֿע אַ שטילער מענטש, איז ער דאַן אויפֿגעקאָכט געוואָרן, האָט געכאַפּט די ביבל און אַ שלײַדער געטאָן אויף דער ערד. איין מאָל, געדענק איך, האָט ער צו מיר מיט אַ ביטערקייט געזאָגט: „זאָל זײַן, דו וועסט ווערן אַ געבילדעטער, וועסט ווערן רײַך, האָבן אַ סך עולם־הזה. אָבער די עולם־הבא וועסטו דאָך געוויס פֿאַרלירן. לוינט עס זיך?"

## II

ווילנע.—די גימנאַזיע.—דאָס רעוואָלוציאָנערע קרײַזל.

אין גימנאַזיע האָב איך זיך געלערנט גוט און בין געווען פֿון די בעסטע תּלמידים. אַפֿילו די הויפּט־שטרויכלונגען פֿון יעדן גימנאַזיסט—די קלאַסישע שפּראַכן, גריכיש און לאַטײַניש, האָב איך לײַכט בײַגעקומען, הגם, ווי אַלע דעמאָלט, האָב איך זיי געהאַלטן פֿאַר אַן איבעריקן באַלאַסט אין די לימודים. די השׂכּלה־ליטעראַטור האָט בײַ מיר דער־וועקט דעם חשק צו פֿילאָסאָפֿישע פּראָבלעמען און צו דער דײַטשער ליטעראַטור, און איך האָב זיך גענומען ערנסט שטודירן די ווערק פֿון קאַנט, פֿיכטע, שילער, געטע, לעסינג, היינע און בערנע. אַ באַזונדערס שטאַרקע השפּעה האָט אויף מיר געהאַט לודוויג בערנע, וואָס איז געוואָרן מײַן ערשטער רבי אין דער רעוואָלוציע. זײַנע „פּאַריזער בריוו" האָבן אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק און נאָך ביז איצט איז ער איינער פֿון מײַנע באַליבטסטע שרײַבער. מיט יאָרן שפּעטער, זײַענדיק שוין אין אויסלאַנד, האָב איך געלייענט פֿרידריך ענגעלס' שריפֿטן און האָב זיך צו מײַן פֿרייד דערוווּסט, אַז ער איז אויך אַ גרויסער אָנהענגער פֿון בערנען, בעת קאַרל מאַרקס האָט מער געהאַלטן פֿון היינען. די פֿראַנצויזן, למשל, האָבן גאָר קיין השגה ניט וועגן בערנע, וואָס איז געווען אַזאַ אָנהענגער פֿון פֿראַנצויזישן רעוואָלוציאָנערן גײַסט. אַפֿילו זשאָרעס האָט, צו מײַן גרויסן חידוש, ניט געוווּסט, ווער איז בערנע, הגם ער איז געווען זייער אַ געבילדעטער מאַן און האָט אויך אויסגעצייכנט געקענט דײַטש. „היינע און בערנע—

זיי גייען צוזאַמען"—האָב איך אים איין מאָל אין אַ שמועס דערקלערט.—„מסתּמא האָט היינע פֿאַרטונקלט בערנען" — האָט זשאָרעס געענטפֿערט.

מײַן אַנטוויקלונג איז געגאַנגען זעלבשטענדיק. חוץ דער דײַטשער ליטעראַטור האָב איך אויך געלייענט די ראַדיקאַלע רוסישע שרײַבער און זשורנאַלן פֿון יענער צײַט, אָבער איך האָב אין זיי ניט געפֿילט קיין טעם, ווײַל איך בין געווען דערצויגן אויף דעם שווערן, טיפֿן ערנסט פֿון דער דײַטשער ליטעראַטור; אַזוי, צום בײַשפּיל, האָב איך דעמאָלט ניט שטאַרק געהאַלטן פֿון פּיסאַרעוון, וואָס האָט אַזוי באַהערשט די גײַסטער פֿון דער רוסישער יוגנט. איבער דעם אייגענעם טעם בין איך אויך ניט געווען קיין גרויסער אָנהענגער פֿון דער אומלעגאַלער רוסישער ליטעראַטור און האָב זיך תּחילת געהאַלטן פֿון דער ווײַטנס אויך פֿון די ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע טוערס, וואָס האָבן מיר אויסגעוויזן צו זײַן ניט גענוג געבילדעט. אָבער וואָס ווײַטער האָט זיך אין מיר אַלץ מער געשטאַרקט דער געדאַנק, אַז מען טאָר ניט שטיין אָן אַ זײַט פֿון דעם קאַמף פֿאַר יענע אידעאַלן, וואָס האָבן מיך אין טעאָריע אַזוי באַגײַסטערט. און איך האָב גענו-מען זוכן אַ התקרבֿות מיט די ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע קרײַזן.

אין גימנאַזיע האָב איך געהאַט אַ פּאָר נאָענטע חבֿרים און צוזאַמען האָבן מיר געגרינדעט אַ „קרוזשאָק סאַמאָראַזוויטיאַ"—אַ קרײַזל פֿאַר זעלבסטבילדונג און אויך פֿאַר זעלבסטהילף, וואָס איז געווען דעמאָלט אין מאָדע. דער איניציאַטאָר איז געווען איסאַי אײַזנשטאַט, מיט וועמען איך בין געווען זייער באַפֿרײַנדעט; דאָס איז דער שפּעטער באַקאַנטער פֿירער פֿון „בונד" יודין. די אַנדערע צוויי זײַנען געווען יודעלעוויסקי און גראַץ. יעקבֿ יודעלעוויסקי, וואָס האָט זיך גערעכנט פֿאַרן בעסטן תּלמיד אין גימ-נאַזיע, איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס מחבר פֿון אַ ריי וויסנשאַפֿטלעכע און דער עיקר פּאָפּולערע און אויך פּובליציסטישע אַרבעטן, אונטערן פּסעוודאָנים י. דעלעווסקי. אין משך פֿון יאָרן זײַנען מיר געווען אינטים באַפֿרײַנדעט און האָבן תּחילת געהערט צו דעם זעלביקן קרײַז „יונגע נאַראָדאָוואָלצעס". בעת איך בין אַריבער צו די מאַרקסיסטן, זײַנען מיר זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען. שפּעטער האָט ער אויך עוואָלוציאָנירט, אָבער גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג—רעכטס, צו די בורזשואַזע דעמאָקראַטן. דער ענטוזיאַסט צווישן אונדז, מיט אַ נטיה צו פּאָעזיע און ליטעראַטור, איז געווען אײַזנשטאַט, דער פּראַקטי-קער—איסאַק גראַץ. גראַץ, אַ מענטש מיט גרויסע פֿעיִקייטן, האָט שפּעטער געהאַט אַ טראַגישן סוף: בײַם אַרעסט (אין יאַראָסלאַוול) איז ער נכשל געוואָרן, האָט אויסגע-זאָגט פֿון חדר, אַלע חבֿרים האָבן זיך פֿון אים דערווײַטערט; ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אויסלאַנד און איז דאָרטן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אין ווילנע האָט עקסיסטירט אַן אומלעגאַל קרײַזל פֿון רעוואָלוציאָנערע טוער, צו וועלכן איך בין צוגעשטאַנען. דאָס איז געווען דאָס קרײַזל פֿון דעמבאָ און גנאַטאָווסקי, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט די פּעטערבורגער נאַראָדאָוואָלצעס אין 1885—1887. דאָס קרײַזל איז באַשטאַנען פֿון אינטעליגענטן, דער עיקר פֿון ייִדישער יוגנט. זיי פֿלעגן זיך אָפּט צונויפֿקומען, שמועסן, דיסקוטירן, טרינקען טיי און האָבן זיך פֿאַרהאַלטן גאָר ניט קאָנספּיראַטיוו, ווי עס פּאַסט פֿאַר ערנסטע טוער. אָבער די פֿירער, איסאַק דעמבאָ און אַנטאָן גנאַטאָווסקי, זײַנען געווען זייער איבערגעגעבענע און ערנסטע רעוואָ-לוציאָנערן. די נשמה פֿון קרײַזל איז געווען זייער חבֿרטע אַניוטאַ, ווי אַלע האָבן זי גערופֿן,[2] זייער אַ לעבעדיק און שיין מיידל, וואָס אַרום איר האָט זיך גרופּירט די יוגנט. איך האָב דעמאָלט געהאַט קוואַרטיר בײַ די פּוזיריאַנסקיס, וואָס זייערע טעכטער האָבן אויך געהערט צום קרײַזל. מיט דער צײַט בין איך געוואָרן זייער אַקטיוו אין דער גרופּע, מײַן צימער איז געוואָרן אַ מין צענטער; אַהער פֿלעגן זיך אַלע צונויפֿקומען, דאָ

---

2 פֿאַמיליע־נאָמען: לייבאָוויטש.

האָט מען געהאַלטן די אומלעגאַלע ליטעראַטור. די דירה האָט זיך גערעכנט פאַר אַ „קאָנספּיראַטיווער“, ווײַל איך האָב געוווינט אויפן שולהויף, ווו אַ גאַנצן טאָג האָט זיך געטומלט מיט מענטשן, דערצו בין איך אין גימנאַזיע געווען אויסער יעדער חשד: מײַן „נאַטשאַלסטוואָ“ האָט ערלעך געגלייבט, אַז איך זיץ שטענדיק על התורה ועל העבֿודה, האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ שטיקל בטלן, און דעם אינספּעקטאָר איז קיין מאָל ניט אײַנגעפאַלן אַרײַנצוקוקן צו מיר אַהיים, ווי ער פלעגט אַרײַנקוקן צו די אַנדערע גימנאַזיסטן.

אין גיכן אָבער איז די זאַך ערנסט געוואָרן. די פּעטערבורגער „יונגע נאַראָדאָ-וואָלצעס“ האָבן אָנהייב 1887 געגרייט אַן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער III, אין וועלכן די ווילנער „נאַראָדאָוואָלצעס“ זײַנען אויך געווען פאַרמישט: זיי האָבן אַרויסבאַקומען דורך באַקאַנטע אַפּטייקערס שטאָף פאַר די באָמבעס, האָבן צוגעשיקט געלט. צוליב דעם ענין איז צו אונדז אין ווילנע ערבֿ דעם אַטענטאַט אַראָפּגעקומען אַ שליח פון דער פּעטערבורגער גרופּע, איינער קאַנטשער, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט פאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר. אַ דאַנק אים איז דעם1טן (13טן) מערץ 1887 דער אַטענטאַט אין פּעטערבורג דורכגעפאַלן, און די איניציאַטאָרן האָבן דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן. (ווי באַקאַנט, איז דעמאָלט אומגעקומען אויך אַלעקסאַנדער אוליאַנאָוו, לענינס ברודער, אַ סטודענט, זייער אַ באַגאַבטער).[3] דורכגעפאַלן איז אויך די ווילנער גרופּע. קיין ווילנע זײַנען אַראָפּגעקומען פון פּעטערבורג אַ מחנה אַגענטן און עס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן פּאַשקאָווסקי און פּילסודסקי; יוזעף פּילסודסקי האָט דערפאַר באַצאָלט מיט 5 יאָר סיביר און זײַן ברודער בראָניסלאַוו איז פאַרשיקט געוואָרן אויף דער קאַריער קאַטאָרגע, ווו ער איז אָפּגעווען אַ יאָר 15 (מיט פיל יאָרן שפּעטער, שוין אין פּאַריז, איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד). דורך אַ צופאַל זײַנען ניצול געוואָרן די פירער פונעם קרײַזל דעמבאָ און גנאַטאָווסקי און אויך אַניוטאַ, וואָס איז גראָד געווען אין פּעטערבורג, טאַקע צוליב דעם ענין פון אַטענטאַט, בעת קאַנטשער איז געקומען קיין ווילנע. אַניוטאַ, וואָס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ ביסל אַ לײַכטזיניקער און קאָקעטישער „באַרישניע“, איז אין תּוך געווען אַ מוטיקע רעוואָ-לוציאָנערקע, אַ גוטע קאָנספּיראַטאָרקע און גאָר ניט קיין שרעקעדיקע. אַ גאַנצע מחנה פּאָליציי-אַגענטן האָבן זי אומעטום אַרומגעזוכט, און זי איז אַ היפּשע צײַט פאַרבליבן אין פּעטערבורג, האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט און איז אַנטלאָפן קיין אויס-לאַנד. שפּעטער האָט זי זיך באַזעצט אין פּאַריז, דאָ האָט זי חתונה געהאַט מיט דאָק-טאָר אַשכּנזי (האָט געשטאַמט, דוכט מיר, פון אַדעס). איך פלעג זיך אַמאָל מיט איר דאָ טרעפן, אָבער זי איז שוין געשטאַנען אין אַ זײַט פון די רעוואָלוציאָנערע קרײַזן; זי האָט געליטן פון אַן ערנסטער קראַנקייט און איז יונג געשטאָרבן.

נאָכן דורכפאַל האָבן מיר באַשלאָסן תּיכּף אַריבערצופּעקלען קיין אויסלאַנד דעמבאָן און גנאַטאָווסקין. טעכניש האָט דאָס אָרגאַניזירט לעוו יאָגיכעס (טישקאָ), וועלכער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער קאָנספּיראַטאָר, און איך האָב דערבײַ צוגעהאָלפן. איבער-געטאָן אין ציוויל-קליידער נאָך דער גימנאַזיע, בין איך אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט צו קריגן דערויף די נייטיקע געלטמיטלען. די נעכט פאַרן אָפּפאָר פון דעמבאָן און גנאַטאָווסקין האָב איך פאַרבראַכט מיט זיי און מיט יאָגיכעסן. די פּאָליציי האָט איבער-געקערט די שטאָט, געזוכט און גענישטערט, און יאָגיכעס האָט אונדז בעת מעשה משמח

[3] אין מאַי 1887 האָט מען אין דער שליסלבורגער פעסטונג אויפגעהאַנגען פאַר דעם געפּלאַנטן אַטענטאַט: אוליאַנאָוון, אָסיפּאַנאָוון, אַנדרעיושקין, שעוויריאָוון און גענעראַלאָוון; לוקאַשעוויטש און נאָוואָרוסקי זײַנען פאַרמשפּט געוואָרן אויף אײביקער קאַטאָרגע אין שליסעלבורג; בראָניסלאַוו פּילס־דסקי (געפונען בײַ אים אין דירה אין פּעטערבורג אַ געהיימע דרוקערײַ) פאַרמשפּט אויף 15 יאָר קאַטאָרגע, נאָטקין—אויף 5 יאָר סיביר. אין ווילנע זײַנען, לויט קאַנטשערס אָנווײַזונגען, אַרעסטירט געוואָרן יוזעף פּילסודסקי און פּאַשקאָווסקי (אַפּטייקער); דער ערשטער האָט באַקומען 5 יאָר סיביר, דער צווייטער 10 יאָר קאַטאָרגע. פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר איז אויך דער פּראָוואָקאַטאָר קאַנטשער גופא (שפּעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד).

געווען מיט זײַנע מעשיות און געהויבן דעם געמיט. ער האָט געקראָגן פאַר דעמבאָן אַ פּאַס אויפן נאָמען „ברינשטיין“ און פאַר גנאַטאָווסקין אויפן נאָמען „פּרעקער“ און מיט זײַן הילף זײַנען זיי בשלום אַריבער דעם גרענעץ. דעמבאָ האָט זיך באַזעצט אין ציריך. אַן איבערצײַגטער טעראָריסט, אַ ביז גאָר איבערגעגעבענער, האָט ער זיך דאָ געגרייט צו נײַע טעראָריסטישע אַקטן און איז אין 1889 אומגעקומען הינטער ציריך בײַ עקספּערימענטן מיט אויפרײַסשטאָף.[4] אין אויסלאַנד האָב איך זיך געטראָפן מיט גנאַטאָווסקין; ער האָט אַ לאַנגע צײַט געלעבט אין פּאַריז, ווּ ער איז געשטאָרבן אין 1916.[5]

ל. יאָגיכעס איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע רעוואָלוציאָנערע טוערס אין ווילנע, אָבער ער איז געשטאַנען מן הצד פון קרײַזל, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר ניט גענוג ערנסט. געווען איז ער אַ פּײַערדיקער „נאַראָדאָוואָלעץ“, און מ׳האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט געפאָדערט צו פאַרברענגען פלעכאַנאָווס באַקאַנטע בראָשור „נאַשי ראַזנאַגלאַסיאַ“ (אונדזערע חילוקי-דעות), בעת זי האָט זיך באַקומען אין ווילנע, פאַר איר שאַרפער קריטיק פון דער נאַראָדנישער טעאָריע. פאַר זײַן איבערגעטריבענער קאָנספּיראַציע און פאַר זײַן ביטול האָט מען יאָגיכעסן אין די ווילנער רעוואָלוציאָנערע קרײַזן ניט ליב געהאַט. מײַן באַציִונג צו אים איז תּחילת אויך געווען אַזאַ; יאָגיכעס האָט דאָס באַמערקט און האָט צו מיר איין מאָל געזאָגט, אַז ער וויל מיט מיר האָבן אַ ספּעציעלן שמועס בכדי „דורכצולייענען אַ לעקציע וועגן זײַן כאַראַקטער“. יאָגיכעס האָט געשטאַמט פון אַ רײַכער ייִדישער פאַמיליע אין ווילנע און איז זייער פרי אַרײַן אין דער באַוועגונג. אַ מענטש מיט אַן אײַזערנעם ווילן, אַ שאַרפזיניקער, אָבער אַן עקשן, איז ער געווען בלב ונפש איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און איז געווען באמת זייער אַ גוטער קאָנספּיראַטאָר; ער האָט אָנגעקניפּט גוטע באַציִונגען מיט די קאָנטראַבאַנדיסטן און געקענט אַלע סודות פון דער גרענעץ-קאָנטראַבאַנדע. אַן אײַנגעשלאָסענער אין זיך, איז ער אין דער אמתן גאָר ניט געווען אַזאַ האַרטער מענטש, ווי ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, און האָט אויך געקענט זײַן זייער וויציק, ווען ער האָט געוואָלט. אמת, זײַן וויץ איז אָפט געווען סאַרקאַסטיש און גיפטיק. אַזוי, געדענק איך פון די שפּעטערדיקע יאָרן, בעת בײַ ליובע אַקסעלראָד — „אָרטאָדאָקס“ זײַנען אַמאָל שיר ניט פאַרברענט געוואָרן אירע מאַנוסקריפּטן און מ׳האָט וועגן דעם דערציילט יאָגיכעסן,

---

4 אַ י ס אַ ק ד ע מ ב אָ (1865—1889) פון פּאָנעוועזש, געלערנט אין פּעטערבורגער גימנאַזיע, געאַרבעט אין אַן אַפּטייק, אין 1884 אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט; נאָכן 1טן מערץ 1887 אַנטלאָפן פון ווילנע אין דער שווייץ, געלעבט אין ציריך אונטערן נאָמען ברינשטיין. געווען איינער פון די ענערגישסטע אָרגאַניזאַטאָרס פון די עמיגראַנטן-סטודענטן אין דער שווייץ, האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין די דאָרטיקע רעוו׳ קרײַזלעך „אָסוואָבאָזשדעניע“, „יונגער נאַראָדאָוואָלעץ“, און אין „כאָציאַליסטישן קלוב“ א״אַ. אין 1888 איז אַ דאַנק אים אין ציריך אָרגאַניזירט געוואָרן דער אַזוי גער׳ Союзный террористический кружок (אויסער אים אויך גנאַטאָווסקי און דעמבסקי, דער באַקאַנטער פּוילישער סאָציאַליסט). דעם 6טן מערץ 1889 אומגעקומען בײַם אויספּרוּוון אַ באָמבע (דערבײַ איז אויך פאַרוואונדעט געוואָרן דער דערמאָנטער דעמבסקי). זע: „ביאָ-ביבליאָגראַפישער לעקסיקאָן“ (רוס׳, אויסג׳ פון „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס“), ב׳ III — 80ער יאָרן, נומ׳ 2, ז׳ 1113. פאַג״ל אויך: מ. מ. ר אָ ז ע נ ב אַ ו ם, „ערינערונגען פון אַ סאָצ׳-רעוואָלוציאָנער“ (נ״י — וואַרשע 1924) ב׳ 1, ז׳ 70.

5 אַ נ ט אָ ן ג נ אַ ט אָ וו ס ק י (געב׳ 1863), אַ ווילנער. אַרעסטירט אין ווילנע אין 1882. נאָכן דורכפאַל פון 1טן מערץ אַנטלאָפן אויך קיין ציריך אונטערן נאָמען פּרעקער; איז צוזאַמען מיט דעמבאָן צוגעשטאַנען צו די „יונגע נאַראָדאָוואָלצעס“. נאָכן אויפרײַס פון דער באָמבע, בעת דעמבאָ איז דערהרגעט געוואָרן, אַנטלאָפן פון דער שווייץ און זיך באַזעצט אין פּאַריז, איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון „פאַרבאַנד פון די רוס׳ סאָצ׳-רעוואָלוציאָנערן“ און רעדאַקציע-מיטגליד פון „רוסקי ראַבאָטשי“. זע: „ביאָ-ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן“, ב׳ III, נו׳ 2, ז׳ 829.

האָט ער באַמערקט: „ס׳איז ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך, אין איר שרײַבעכץ איז דאָ אַזוי פֿיל וואַסער, אַז מען קען די גרעסטע שׂרפֿה פֿאַרלעשן!"...

פֿון מײַנע ווילנער באַקאַנטע, מיט וועלכע איך פֿלעג זיך אָפֿט טרעפֿן, וויל איך דאָ דערמאָנען איינעם וואַנעל. ער איז געווען עטלעכע יאָר פֿאַרשיקט פֿאַר פּאָליטישע חטאים און האָט זיך קורץ פֿאַר דעם ווידער אומגעקערט קיין ווילנע, ווו ער האָט געלעבט פֿון ליטעראַרישער אַרבעט און איבערזעצונגען — ער האָט גוט געקענט שפּראַכן. צו רעוואָלוציאָנערער אַרבעט האָט ער דעמאָלט קיין שײַכות ניט געהאַט, אפֿשר דערפֿאַר, וואָס דער יונגער קרײַז ווילנער טוער איז ניט געווען גענוג ערנסט פֿאַר אים, און אפֿשר ווײַל ער האָט זיך געפֿונען אונטער דער השגחה פֿון דער פּאָליציי. דאָס איז געווען זייער אַ שטילער, באַשיידענער און ערנסטער מענטש, אַ הויקער. מיר האָבן זיך מיט אים זייער באַפֿרײַנדעט און ער האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן דער באַוועגונג און וועגן די אָנגעזעענע נאַראָדאָוואָלישע טוערס. געטראָפֿן האָב איך אים אין הויז ביי שמערל אָגוז, וואָס איז געווען דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער „תּלמוד-תּורה", זייער אַ קלוגער און סימפּאַטישער מענטש. אָגוזס הויז איז געווען אַ מין בית-וועד פֿון דער ווילנער ייִדישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. צווישן זיי געדענק איך, אויסער וואַנעלן, איינעם סטראַשונסקי,[6] דעם לערער לעווינסקי, די שוועסטער גאָרדאָן — סאָניאַ און יעוואַ; יעוואַ גאָרדאָן האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע און געוואָרן דאָרט אַ זינגערין; זי איז די פֿרוי פֿונעם באַקאַנטן ייִדישן סאָציאַליסטישן טוער פֿיליפּ קראַנץ. די פֿאַמיליע אָגוז האָט אין מײַן פּערזענלעכן לעבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע: דאָרטן האָב איך זיך באַפֿרײַנדעט מיט שמערל אָגוזס טאָכטער סאָניע, וועלכע איז מיט יאָרן שפּעטער, שוין אין פֿראַנקרײַך, געוואָרן מײַן פֿרוי. דעמאָלט אין ווילנע איז זי נאָך געווען אַ יונגע שילערין פֿון גימנאַזיע, איינע פֿון די בעסטע, און מיר פֿלעגן צוזאַמען שטודירן דײַטשע ליטעראַטור און פֿילאָסאָפֿיע. אָבער מיט רעוואָלוציאָנערע פֿראַגן האָט זיך סאָניע לגמרי ניט אינטערעסירט, און דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט איז דעמאָלט אָפּגעקילט געוואָרן.

פֿון די אַנדערע באַקאַנטע מײַנע אין ווילנע געדענק איך גוט איינעם נאָוואָ-פּליאַנסקי, וואָס האָט זיך געהאַלטן מן הצד פֿון אונדזערע אינטעליגענטישע קרײַזלעך. דאָס איז געווען זייער אַן אָריגינעלער און טשיקאַווער טיפּ פֿון אַן אויטאָדידאַקט, לויט זײַן פּראָפֿעסיע אַ מאָלער, זייער אַ קרענקלעכער. אַליין געליטן שטענדיק הונגער, פֿלעגט ער זיך טיילן ממש מיטן לעצטן גראָשן. אַ מענטש אָן שום בילדונג און אָן דער מעגלעכקייט סיסטעמאַטיש צו לייענען ביכער, אָבער מיט אַ גאַנץ שאַרפֿן מוח, האָט ער זיך געשאַפֿן אַ טעאָריע, אַז לייענען איז בכלל שעדלעך, מחמת דאָס שטערט דער אָריגינעלקייט פֿון געדאַנק. ער פֿלעגט יעדן טאָג אַנטדעקן אַ נײַע אַמעריקע און מיטן אייגענעם שׂכל דערגיין צו די טעאָריעס פֿון דאַרווין, שאָפּענהויער אָדער מאַרקס, נאַטירלעך אין זייער אַ פּרימיטיווער קאָנסטרוקציע.[7] דער דאָזיקער אידעאַליסט און אומבאַוווּסטזיניקער רעוואָלוציאָנער-אויטאָדידאַקט האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן שטרײַק צווישן די ווילנער זאָקן-מאַכערינס און האָט צוגעצויגן דערצו אויך די מיטגלידער פֿון אונדזער קרײַזל און מיך אויך בתוכם.

איך געדענק אויך, אַז איך האָב געפֿירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ייִדישער יוגנט, וואָס פֿלעגט קומען קיין ווילנע זוכן בילדונג, אַ סך פֿון זיי געוועזענע קלויזניקעס,

---

6 זע וועגן אים אין די זכרונות פֿון אַקסעלראָד — אָרטאָדאָקס אין „קאַטאָרגאַ אי ססילקאַ" (ב׳ 63, 1930), וואָס מיר ברענגען צום סוף אין אויסצוגן.

7 וועגן נאָוואָפּליאַנסקין זע אויך די זכרונות וועגן ווילנע פֿון ש. גאָזשאַנסקי אינעם ז״ב Революционное движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 88.

ווי איך.[8] איינער פֿון זיי איז געווען מענדל ראָזענבאַום. זייער אַ פֿײַנער און קלוגער בחור, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ וויכטיקער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער טוער; וועגן אים וועט מיר נאָך אויסקומען שפּעטער צו רעדן אויספֿירלעכער. איך דערמאָן זיך אויך דעם יונגן סטראַשון, וואָס האָט געאַרבעט אין אַן אַפּטייק; ער איז געווען געטרײַ איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און האָט אונדז געהאָלפֿן קריגן פֿאַר די פּעטערבורגער חבֿרים פֿאַר זייער געפּלאַנטן אַטענטאַט כעמישן שטאָף, וואָס ער פֿלעגט שטילערהייט שלעפּן פֿון דער אַפּטייק. פֿון די אַקטיווע טוערס געדענקט זיך מיר יעקבֿ נאָטקין, אַ סטודענט פֿון פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, וואָס איז אויך געווען אַרעסטירט אין פֿאַרבינדונג מיט דעם אַטענטאַט פֿון 1טן מערץ 1887. מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1889, איז ער דערהרגעט געוואָרן בעת דער באַקאַנטער הריגה אין יאַקוטסק, וווהין ער איז געווען פֿאַרשיקט.[9] איך געדענק, אַז אין די עלטערע ראַדיקאַלע קרײַזן אין ווילנע פֿלעגט מען נאָך דערציילן וועגן דער אַמאָליקער אַרבעט פֿון זונדעלעוויטשן און ליבערמאַנען, בײדע ווילנער, וואָס האָבן איבערגעלאָזט דאָ אַ שפּור, אָבער קיין פּרטים האָבן זיך אין מײַן זכרון ניט אויפֿגעהיט.

איך בין געווען פֿון די ווייניקע, וואָס זײַנען ניצול געוואָרן פֿונעם דורכפֿאַל נאָכן 1טן מערץ 1887, ווײַל דער פּראָוואָקאַטאָר קאַנטשער האָט מיך ניט געזען. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָב איך רויִק פֿאַרענדיקט מײַן קורס אין גימנאַזיע, מיט אַ „פּיאַטיאָרקע" (אַ פֿינף) פֿאַר מײַן גוטער אויפֿפֿירונג. נאָך זײַענדיק אין גימנאַזיע, אין דעם 8טן קלאַס, האָב איך באַשלאָסן צו באַזוכן אייניקע שטעט, ווו מיר האָבן געהאַט פֿאַרבינדונגען, און בין אַוועקגעפֿאָרן קיין מינסק, האָמעל און דערנאָך קיעוו און מיטגענומען מיט זיך פֿאַר די דאָזיקע שטעט אומלעגאַלע ליטעראַטור. אין מינסק האָב איך זיך באַקאַנט מיט איינעם בראַמסאָן און אין קיעוו מיט דער פֿאַמיליע פֿון ד"ר קאַמינער (אַקסעלראָדס שווער) און קאַלמאַנסאָן (קאַמינערס איידעם). נאָך די עקזאַמענס בין איך געפֿאָרן אויף אַ דאַטשע, און געקומען צוריק קיין ווילנע, האָב איך געטראָפֿן אַ ידיעה, ניט גאָר קיין פֿריילעכע, אַז די פּאָליציי איז געקומען אין מײַן וווינונג און האָט זיך אויף מיר נאָכגעפֿרעגט. דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געטאָן ביז וואָס ווען: איך בין תּיכּף אַוועקגעפֿאָרן קיין קאָוונע, אין דער גובערניע, ווו איך בין געווען אַ נכתּבֿ, און האָב זיך באַזאָרגט מיט אַן אויסלענדישן פּאַס.

---

8 אין די זכרונות פֿון ש. ראַפּאָפּאָרטס תּלמיד מ. מ. ראָזענבאַום („ערינערונגען פֿון אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער", ניו-יאָרק—וואַרשע 1924 ב׳ 1, ז׳ 75) ווערט דערציילט: „ראַפּאָפּאָרט האָט (אין ווילנע) געגרינדעט אַ גרופּע, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו שאַפֿן לערערס פֿאַר די פֿיל בחורים, וואָס האָבן זיך געריסן פֿון דער פֿאַרשטיקטער קלויז-אַטמאָספֿערע צו ליכט און וויסנשאַפֿט". ראַפּאָפּאָרט, וואָס האָט פֿאַרדינט זייער גוט פֿון „אוראָקן", האָט געלעבט זייער אָרעם און מען האָט אים שיר ניט אַרויסגעטריבן פֿון גימנאַזיע פֿאַר זײַנע צעריסענע שיך און טראַנטעוואַטן מונדיר. ער פֿלעגט אַוועקגעבן זײַנע פֿאַרדינסטן די אָרעמע יונגעלײַט, וואָס האָבן געדאָרשט נאָך בילדונג".

9 יעקבֿ נאָטקינס ביאָגראַפֿיע זע ווײַטער אין דעם זאַמלבוך.

צום קרײַזל פֿון דעמבאָ—גנאַטאָווסקי האָט אויך געהערט איינע מרים-רייזע בערקאָוויטש, וואָס וועגן איר דערמאָנען ניט די מעמואַריסטן פֿון דער ווילנער גרופּע. זי האָט קינדווײַז געלעבט אין פּעטערבורג, דאָ געענדיקט בערמאַנס ייִדישע שול, געוואָרן אַ שנײַדערין, שפּעטער געלעבט אין ווילנע. נאָכן דורכפֿאַל פֿון 1טן מערץ 1887 איז זי אַרעסטירט געוואָרן אין פּעטערבורג פֿאַר אירע פֿאַרבינדונגען מיט דעמבאָ, פּילסודסקין און אַניוטען (לײַבאָוויטש). זי איז פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף 3 יאָר סיביר, אָבער זי האָט זיך אין אַלץ מודה געווען, דערציילט וועגן די מיטגלידער פֿון קרײַזל און דערלאַנגט אַ בקשה וועגן באַגנעדיקונג און אויסגעדריקט אירע „אונטערטעניקסטע געפֿילן". אויפֿן וועג קיין סיביר איז זי באַפֿרײַט געוואָרן, האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין קראַסנאָיאַרסק (סיביר), ווו זי האָט געעפֿנט אַ מאָדע-וואַרשטאַט; שפּעטער האָט זי חתונה געהאַט מיטן רוסישן אָפֿיציר ראָדקעוויטש. זע: ביאָ-ביבליאָגר' לעקסיקאָן, ב׳ III נר׳ 1, ז׳ 293.

האָבנדיק דעם פּאַס אין קעשענע, האָב איך באַשלאָסן גיין אויף אַ ריזיקע, און צוריקגעקומען קיין ווילנע, בין איך גלײַך אַוועק צום שעף פון דער אָרטיקער אָכראַנע איוואַנאָוו און האָב תּמעוואַטע געפרעגט, וואָס אייגנטלעך האָט די פּאָליציי פון מיר געוואָלט. איוואַנאָוו האָט אויף מיר געגעבן אַ שטרענגן קוק, האָט מיך געבעטן זיצן און ליתר תוקף אוועקגעלייגט לעבן זיך דעם רעוואָלווער. ער האָט אַרויסגענומען אַ פּעקל פאָטאָגראַפישע בילדער פון מײַנע חברים, וואָס זײַנען געווען אַרעסטירט נאָכן 1טן מערץ 1887, און געפרעגט, צי זײַנען זיי מיר באַקאַנט. איך האָב זיך, פאַרשטייט זיך, געמאַכט כּלא ידע. דעמאָלט האָט ער שוין גוטמוטיק צו מיר אַ זאָג געטאָן: „יאָ, איך גלייב אײַך. אין גימנאַזיע האָט מען מיר געגעבן די בעסטע מיינונג וועגן אײַך, אַז איר זײַט אַן ערנסטער יונגערמאַן, אַ פילאָסאָף, און פאַרנעמט זיך ניט מיט אַזעלכע נאַרישקייטן ווי רעוואָלוציע". דאָך האָט ער מיך געהייסן קומען אויפן צווייטן טאָג. איך בין געקומען. זיצנדיק אַזוי אין דער פוסטער קאַנצעלאַריע און וואַרטנדיק אויף איוואַנאָוון, האָב איך דערווײַלע געכאַפּט אַ קוק אויף די פּאַפּירן, וואָס זײַנען געלעגן אויפן טיש, און גראָד האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ ראַפּאָרט פון דער ווילנער אָכראַנע: „שטרענג געהיים. צום פּראָקוראָר פון פּעטערבורגער העכערן געריכט („סודעבנאַיאַ פּאַלאַטאַ"). איך האָב דעם כּבוד אײַך צו מעלדן, אַז דער ראַפּאָפּאָרט, וואָס וווינט אין ווילנע, הייסט חנן און האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דעם אָסיפּ ראַפּאָפּאָרט, וואָס די פּעטערבורגער פּאָליציי זוכט אים". עס איז געווען קלאָר, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט טאַקע וועגן מיר; דעם נאָמען „אָסיפּ" האָט מיר געגעבן אַניוטע,— צי ווײַל ער האָט געקלונגען שענער, צי משום קאָנספּיראַציע, איך געדענק שוין ניט. איוואַנאָוו איז אַרײַן אין קאַנצעלאַריע און האָט מיר געמאָלדן, אַז איך בין פרײַ. „צי האָט איר גאָר ניט קעגן דעם, איך זאָל פאָרן קיין פּאַריז?"—האָב איך אים געפרעגט פון זיכערקייט וועגן, דערקלערנדיק, אַז איך פאָר אַהין שטודירן, ווײַל דאָ איז פאַר יידן שווער אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט. ער האָט מיר געבענטשט „דערלויבט", און איך בין אַרויס אַ פרײַער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך פאַרלאָזן ווילנע. געפאָרן בין איך ניט אַליין, נאָר מיט ליובע אַקסעלראָד. אַקסעלראָד—דאָס איז די שפּעטער באַקאַנטע מאַרקסיסטישע שרײַבערין „אָרטאָדאָקס"—האָט אַ פּאָר יאָר געוווינט אין ווילנע און געהערט צו אונדזער אומלעגאַלן קרייזל, און די חברים האָבן מורא געהאַט, אַז זי זאָל ניט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון פּאָליציי נאָכן 1טן מערץ. היות ווי זי איז געווען אין גאַנצן אָן מיטלען און אויך אָן אַ פּאַס, האָב איך זי גענומען אויף מײַן חשבון און אונטער מײַן שוץ. זי איז אַריבער דעם גרענעץ דורך קאָנטראַבאַנדיסטן און איך, וואָס כ׳בין געפאָרן לעגאַל, האָב אויף איר געוואַרט פון יענער זײַט. אַזוי זײַנען מיר ביידע אָנגעקומען קיין פּאַריז (סעפּטעמבער—אָקטאָבער 1887), ניט קענענדיק כּמעט קיין וואָרט פראַנצויזיש און מיט 20 פראַנק, וואָס זײַנען בײַ מיר נאָך פאַרבליבן פון מײַנע קאַפּיטאַלן.

געפאָרן זײַנען מיר מיט דער כּוונה צו שטודירן אין אויסלאַנד און פאַרבלײַבן דאָרטן גאָר אַ קורצע צײַט, ווײַל מיר האָבן זיך געפילט ענג פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אָבער דער גורל האָט אַנדערש באַשטימט. איך בין פאַרבליבן אין אויסלאַנד מײַן גאַנץ לעבן און ליובע אַקסעלראָד—אויף צענדלינגער יאָרן.

פאַר אונדזער אַוועקפאָרן פון ווילנע האָבן מיר אָפּגעהאַלטן מיט אונדזערע יונגע חברים עטלעכע פאַרזאַמלונגען אין וואַלד און אויסגעאַרבעט עפּעס אַ צעשוווּמענע פּראָגראַם, וואָס האָט געדאַרפט פאַרבינדן אונדז מיט די פאַרבליבענע.[10] אין די פאַרזאַמלונגען,

---

[10] טימאָכעי קאָפּעלזאָן אין זײַנע זכרונות וועגן ווילנע אין יענע יאָרן דערמאָנט אויך וועגן אַ סטאַטוט פון אַ פאַרבינדונג פאַרן אָפּפאָר פון די חברים קיין אויסלאַנד; לויט זײַנע ווערטער איז דאָס באַשלאָסן געוואָרן בײַ ליובע אַקסעלראָד אין צימער; זע דעם ז"ב Революционное движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 67, אויך זײַנע זכרונות אין „אַרבעטער־לוח" (וואַרשע) 1922.

ווי איך געדענק, האָבן זיך באַטײליקט, אויסער אײַזנשטאַטן און גראַצן, אויך קאָפּעלזאָן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער טוער פֿון „בונד" („טימאָפֿעי"). אין קאָפּ איז געווען אַ טעאָרעטישער פּלאָנטער: מיר זײַנען געווען, ווי אַלע דעמאָלט, אונטער דער השפּעה פֿון לאַוראָווס טעאָריעס און דעם העראָישן קולט פֿון די מאַרטירער פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", אָבער עס האָבן שוין אָנגעהויבן ווירקן די אידעען פֿון מאַרקס' „מאַניפֿעסט" און „קאַפּיטאַל" און די זשענעווער רוסישע סאָצ'-דעמאָקראַטישע ליטעראַטור פֿון פּלעכאַנאָוון און פּאַוועל אַקסעלראָדן, און פֿון אונדזער פּראָגראַם-אָפּמאַך איז גאָר ניט געוואָרן.

III

פּאַריז.—ציריך.—בערלין.—די פּאָליטישע עמיגראַציע.

אין פּאַריז האָבן מיר קײנעם ניט געהאַט, אויסער אַ צופֿעליקן באַקאַנטן פֿון ווילנע. דורך אים האָבן מיר געפֿונען אַ צימער, פֿאַר וועלכן איך האָב אײַנגעצאָלט מײַן גאַנצן קאַפּיטאַל—די 20 פֿראַנק, און געקראָגן ערגעץ אַ בעט. דאָס בעט האָב איך אָפּגעגעבן ליובע אַקסעלראָד און אַליין בין איך געשלאָפֿן אויף דער פּאָדלאָגע, צוגעדעקט מיט מײַן מאַנטל; דער צימער איז ניט געווען באַהײצט. אַזוי האָבן מיר אָפּגעלעבט מיט ניסים אַ גאַנצן ווינטער, אין הונגער און קעלט. געלעבט האָבן מיר אויף באָרג, און אײניקע גאַסן בשכנות פֿלעגן מיר מוזן אויסמײַדן, ווײַל דאָרט האָבן געוווינט אונדזערע קרעדיטאָרן, די קרעמערס. אָבער מיר האָבן זיך באַצויגן צום דלות פֿילאָסאָפֿיש-הומאָריסטיש. דערפֿאַר האָבן מיר אַ סך געאַרבעט איבער אונדזער בילדונג. בײַטאָג פֿלעג איך זיצן אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, אין די אָוונטן אין דער אַזוי גערופֿענער ביבליאָטעק פֿון דער הײליקער זשענעוויעווע, אין לאַטײַנישן קוואַרטאַל. מײַנע באַציִונגען מיט ליובע אַקסעלראָד זײַנען געווען רײן חבֿרישע, אינעם אַסקעטישן גײַסט פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער סבֿיבֿה אין יענע יאָרן. אַז זי האָט פֿאַרלאָזן פּאַריז און איז אַוועקגעפֿאָרן אין דער שווייץ, ווו זי האָט, דוכט מיר, געקראָגן אַ שטעלע פֿון אַ לערערין בײַ פּלעכאַנאָוון, האָב איך, דעם אמת זאָגנדיק, פֿרײַער אָפּגעאָטעמט. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָב איך באַקומען אַ קלײנעם פֿאַרדינסט. האָב אָנגעהויבן שיקן קאָרעספּאָנדענציעס און איבערזעצונגען אין אַ סאַראַטאָווער צײַטונג און האָב זיך אַ ביסל געשטעלט אויף די פֿיס.

מײַן גאַנצע צײַט האָב איך אָפּגעגעבן אויף לײענען און שטודירן, באַזונדערס די געשיכטע פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, די פֿראַנצויזישע פֿילאָסאָפֿן פֿון 18טן יאָרהונדערט און די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אין פֿאַרשײדענע לענדער. די עמיגראַנטישע קרײַזלעך, ווו מ'האָט דער עיקר געפֿירט אָן אַ סוף שמועסן און געטרונקען אָן אַ ברעג טײ, פֿלעג איך כּמעט ניט באַזוכן. אַן אויסנאַם איז נאָר געווען פּיאָטר לאַוראָווס הויז. אין זײַן מ'קען זאָגן היסטאָרישער דירה (אויף רי-סאַן-זשאַק 328), וואָס איז געווען פֿול געפּאַקט מיט ביכער, בראָשורן און צײַטונגען, פֿלעגט זיך אַלע דאָנערשטאָג צונויפֿקומען די גאַנצע עמיגראַנטישע קאָלאָניע פֿון פּאַריז. דאָ האָבן זיך אַלע געפֿילט געמיטלעך, אויפֿן טיש איז געשטאַנען טײ מיט געבעקס, דער ליבער אַלטער לאַוראָוו איז געזעסן, ווי שטענדיק אויף זײַן קאַנאַפּע, אַרומגערינגלט מיט זײַנע פֿרײַנד און פֿאַרערער און דער עיקר פֿאַרערערינס, און אַזוי פֿלעגט מען אָפּשמועסן ביז האַלבער נאַכט. דער דאָזיקער אפֿשר געבילדעטסטער מאַן פֿון זײַן צײַט האָט זיך פֿאַרהאַלטן צו אַלעמען מיט אַ רירנדיקער עניוותדיקײט, האַרציק און גוטמוטיק. לאַוראָוו איז געווען אַ פּערזענלעכער פֿרײַנד פֿון מאַרקסן און ענגעלסן און האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ מאַרקסיסט, אין דער אמתן אָבער איז זײַן טעאָריע פֿון אַ זוי גערופֿענעם „אינטעגראַלן סאָציאַליזם" געווען אַ רײן אידעאַליסטישע. דער סאָציאַליזם איז בײַ אים געווען אַן עטישער פּרינציפּ, אין צענטער

פֿון זײַן טעאָריע האָט ער געשטעלט די „קריטיש דענקענדיקע פּערזענלעכקייט". זײַן אידעאַל איז אייגנטלעך געווען די פֿאַראייניקונג פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אונטער דער אַלגעמיינער פֿאָן פֿון קאַמף פֿאַר פּאָליטישער פֿרײַהייט און סאָציאַלער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציאָנערע „פּראַקטיקער" האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אַ ביסל איראָניש צו די פּראַקטישע פֿאָרשלאָגן פֿון דעם „אַלטן", הגם אַלע האָבן אָנערקענט זײַן גרויסע לומדות. עס ווײַזט אויס אַ ביסל פּאַראַדאָקסאַל, אָבער לאַווראָווס גרויסע לומדות איז געווען זײַן הויפּט-חסרון: זי פֿלעגט אין אַ גרויסער מאָס דערשטיקן די אייגנאַרטיקייט און זעלבשטענדיקייט פֿון זײַן געדאַנק. ער פֿלעגט ניט אַזוי שטרעבן צו געפֿינען דעם אמת, ווי צו זוכן אים. זײַן ערודיציע איז באמת געווען אַן אומגעוויינטלעכע: נאָך אין רוסלאַנד איז ער געווען פּראָפֿעסאָר פֿון מאַטעמאַטיק, אויסער דעם איז ער געווען אַן אויסגעצייכנטער פֿילאָסאָף, אַנטראָפּאָלאָג און סאָציאָלאָג, אַ גרויסער למדן אין דער געשיכטע פֿון דעם רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אַלע לענדער און אין די פֿאַר-שיידענע עקאָנאָמישע טעאָריעס און אויסער דעם איז ער געווען אויך אַ גרויסער קענער פֿון קונסט. זײַן קאָלאָסאַלע ערודיציע און דערצו זײַן טיפֿער רעוואָלוציאָנערער ענטוזיאַזם און דער צויבער פֿון זײַן פּערזענלעכקייט האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפּעה אויף די ברייטסטע רעוואָלוציאָנערע קרײַזן.[11] געשטאָרבן איז לאַוראָוו אין 1900 אין פּאַריז. אויף זײַן קבֿר האָבן געהאַלטן רעדעס פֿאָרשטייער פֿון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין נאָמען פֿון די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן האָט גערעדט רענע וויוויאַני, וואָס האָט זיך שפּעטער איבערגעדרייט און איז געוואָרן פּרעמיער-מיניסטער פֿון אַ בורזשואַזער רעגי-רונג; אין נאָמען פֿון די בלאַנקיסטן האָט גערעדט עדואַרד וואַיאַן; איך האָב אויך געהאַט אַ וואָרט אין נאָמען פֿונעם „פֿאַרבאַנד פֿון די רוסישע סאָצ'-רעוואָלוציאָנערן".

פֿון מײַנע באַקאַנטע אין פּאַריז, פֿון לאַווראָווס קרײַז, וויל איך דאָ דערמאָנען סטאַניסלאַוו מענדעלסאָנען און זײַן פֿרוי. מענדעלסאָן, וואָס איז געשטאַנען בראש פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג (שפּעטער איינער פֿון די גרינדער פֿון פּפּ"ס), איז געווען אַ זון פֿון אַ וואַרשעווער ייִדישן באַנקיר און האָט דעמאָלט, אין איינעם מיט זײַן פֿרוי און מיט דעם פּוילישן סאָציאַליסט יאָדקאָ, אַרויסגעגעבן רעוואָלו-ציאָנערע ליטעראַטור אין פּויליש.[12] ער האָט געוווינט אויפֿן רעכטן ברעג סענע (אין דער בעסערער געגנט) אין אַ רײַכער דירה און געהאַט אַ גרויסע באַקאַנטשאַפֿט צווישן די פֿראַנצויזן. הגם די מענדעלסאָנס האָבן געהערט צום ענגן קרײַז פֿון לאַווראָווס פֿרײַנד, פֿלעגן זיי גאַנץ אָפֿט איראָניזירן איבער אים, און ניט שטענדיק אין אַן אומשול-דיקן טאָן, און ליב געהאַט צו טרײַבן רכילות; אין דער עמיגראַנטישער קאָלאָניע פֿון יענער צײַט, ווו מען האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט מען זיך בכלל פֿאַרנומען מיט פּלי-אָטקעס. אויף דער עלטער, ווי איך האָב געהערט, האָט מענדעלסאָן צעריסן מיט דער רעוואָלוציע און איז געוואָרן אַ וווּלגאַרער דעמאָקראַט. זײַן חבֿר יאָדקאָ, אַ זון פֿון אַ פּוי-לישן געלערנטן, איז נאָך דער מלחמה געוואָרן אַן אָנגעזעענער דיפּלאָמאַט אין פּילסוד-סקיס רעגירונג.

צו לאַווראָווס נאָענטע פֿרײַנד האָט אויך געהערט איליאַ רובאַנאָוויטש. ער איז געווען אַ „נאַראָדאָוואָלעץ" און איז שפּעטער געוואָרן דער שטענדיקער פֿאָרשטייער פֿון די סאָצ'-רעוואָלוציאָנערן ביזן סוף פֿון זײַן לעבן אויף אַלע אויסלענדישע אינטער-

---

11 זע מײַן בוך: La Philosophie sociale de Pierre Lavrov (1900) — ש. ר.

12 צו דער גרופּע פּוילישע סאָציאַליסטן אין פּאַריז האָבן געהערט: סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן, זײַן פֿרוי מאַריאַ יאַנקאָווסקאַ, אַלעקסאַנדער דעמבסקי און יאָדקאָ-נאַרקעוויטש; פֿריער האָט צו דער גרופּע אויך געהערט שמעון דיקשטיין („יאַן מלאָט"), וואָס איז אין 1884 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די גרופּע האָט אַרויסגעגעבן די רעוו' אָרגאַנען Równość, Przedświt און Walka Klas. די דאָזיקע טוער זײַנען שפּעטער געוואָרן די גרינדער פֿון דער פּפּ"סישער פּאַרטיי.

נאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און מיטינגען. רובאַנאָוויטש האָט געשטאַמט פֿון אָדעס; ער איז געווען אַ שיינער יונג, אַן אימפּאָזאַנטער און קרעפּטיקער, זייער אַ גוטער רעדנער אין רוסיש און פֿראַנצויזיש, צו יענער צײַט שוין אַ נאַטוראַליזירטער פֿראַנצויז.[13] מיט רובאַנאָוויטשן האָב איך זיך נעענטער באַקענט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין פּאַריז פֿונעם „פֿאַרבאַנד פֿון די רוסישע אַרבעטער", וואָס איז באַשטאַנען אייגנטלעך פֿון יידישע אַרבעטער און פֿלעגט אָפּהאַלטן פֿאַרזאַמלונגען אַלע וואָך אין אונטערשטן עטאַזש פֿון קאַפֿע „טרעזאָר", אויף דער גאַס וויעי די טאַמפּל, אין צענטער פֿון יידישן עמיגראַנטישן קוואַרטאַל, אויפֿן אַזוי גערופֿענעם „פּלעצל". דער סעקרעטאַר איז געווען אָסיפּ צעטקין, קלאַרע צעטקינס מאַן, ווי באַקאַנט — אַ יידישער עמיגראַנט פֿון רוסלאַנד (ער איז געשטאָרבן אין פּאַריז סוף 80ער יאָרן). רובאַנאָוויטש האָט אויף דער פֿאַרזאַמלונג געהאַלטן אַ רעפֿעראַט וועגן דעם באַרימטן רוסישן קריטיקער און פּובליציסט מיכאַילאָווסקי. צום ערשטן מאָל האָב איך, קומענדיק פֿון ווילנע, געהערט, מען זאָל אַזוי גוט רעדן רוסיש מיט אַזאַ שיינעם אַקצענט. רובאַנאָוויטש איז געווען אַ גוטער מאַטעמאַטיקער און כעמיקער און האָט געאַרבעט אין דער אוניווערסיטעט-לאַבאָראַטאָריע. ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ מאַרקסיסט, הגם קיין גרויסער קענער פֿון מאַרקסן איז ער ניט געווען, אָבער סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָט ער פֿײַנט געהאַט, און דאָס אייגענע זיי אים. אַ נערוועזער און אַ ביסל אַ בייזער, באַזונדערס אויף דער עלטער, איז רובאַנאָוויטש אין תּוך געווען אַ מענטש מיט אַ פֿײַנעם און איידעלן כאַראַקטער; ער האָט קאָנטיק אינערלעך שטאַרק געליטן פֿון דער בעיקר דעקאָראַטיווער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿאַר אויסלאַנד, בעת זײַן אמתע ראָלע אַפֿילו אין זײַן אייגענער פּאַרטיי פֿון די ס"רן איז געווען גאָר אַ קליינע און צו דער פֿראַנצויזישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז ער עפּעס ניט צוגעשטאַנען. תּחילת בין איך געווען מיט אים זייער נאָענט, אָבער שפּעטער זײַנען מיר זיך פּאָליטיש פֿונאַנדערגעגאַנגען, הגם פֿאַרבליבן גוטע פֿרײַנד.

צווישן די פּאַריזער עמיגראַנטן זײַנען אויך געווען באַקאַנט ניקאָלאַי רוסאַנאָוו, אַ טאַלאַנטפֿולער געבילדעטער פּובליציסט (פּסעוודאָנים — קודרין), לאַווראָוו און מיכאַילאָווסקיס אַ גוטער פֿרײַנד, בורצעוו, באַראַנאָוו, סטעפּאַנאָוו און קאַשינצעוו — אַלע פֿאַרברענטע „נאַראָדאָוואָלצעס".[14] בורצעוו האָט געהאַלטן אין איין זאַמלען דאָקומענטן און פֿאַקטן וועגן דער געשיכטע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט אַרויסגעבן בלעטלעך און בראָשורן וועגן דעם, אַז אַראָפּוואַרפֿן דעם צאַריזם קען מען נאָר מיט איין מיטל: באָמבעס און באָמבעס! איך געדענק אויך באַראַנאָוון, וואָס האָט געהערט צו דער זעלביקער גרופּע. פֿאַר די שטימונגען פֿון דער גרופּע איז כאַראַקטעריסטיש אַזאַ פֿאַקט: איין מאָל האָט באַראַנאָוו בײַ מיר אויפֿן טיש דערזען גיזאָס ווערק „די געשיכטע פֿון דער ציוויליזאַציע אין אייראָפּע" און האָט

---

13 איליאַ רובאַנאָוויטש (געב' 1860) האָט נאָך אַלס סטודענט געהערט צו דער אָדעסער גרופּע „נאַראָדאָוואָלצעס" און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון רוסלאַנד (זײַנע עלטערן זײַנען געווען אויסלענדישע בירגער), האָט געלעבט אין פּאַריז ביזן סוף פֿון זײַן לעבן. איז געווען מיטגליד פֿון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ. זײַן אמתער נאָמען איז געווען: רובינאָוויטש (אַזוי באַהויפּט לעוו טיכאָמיראָוו אין זײַנע איצט פֿאַרעפֿנטלעכטע זכרונות, „גאָסאיזדאַט", מאָסקווע 1927). אונטערן פּסעוודאָנים איליאַשעוויטש האָט ר. אָפּגעדרוקט אין „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָליִ" (נו' 5) זײַן באַקאַנטן אַרטיקל וועגן דער יידן-פֿראַגע. רובאַנאָוויטש איז געשטאָרבן אין 1920 (אָדער 1921) אין בערלין.

14 דעם 16טן מאַי 1890 זײַנען קאַשינצעוו און סטעפּאַנאָוו, ווי אויך טעפּלאָוו, ב. רײַנשטיין, לאַווריעניוס און נאַקאַשידזע אַרעסטירט געוואָרן פֿון דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי פֿאַר אויסאַרבעטן באָמבעס (צוליב טעראָריסטישע אַקטן אין רוסלאַנד) און זײַנען פֿון פּאַריזער געריכט פֿאַרמשפּט געוואָרן צו 2 יאָר תּפֿיסה; צום געריכט זײַנען צוגעצויגן געוואָרן אויך סט. מענדעלסאָן א"א, אָבער זיי זײַנען באַפֿרייט געוואָרן. זע: וו. בורצעוו, Зa 100 лет (לאָנדאָן), ז' 136 (צווייטער טייל).

מיר געמאַכט דערפאַר אַ סקאַנדאַל: אין אויסלאַנד — האָט ער מיך געלערנט — דאַרף מען לייענען רעוואָלוציאָנערע בראָשורן און ניט פאַרדרייען זיך אַ קאָפּ מיט פילאָסאָפיע און געשיכטע שפּעטער איז באַראַנאָוו אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע.[15] משמעות, אַז דער גאַנצער קרייַזל עמיגראַנטן איז געווען אומצופרידן מיט מיר, וואָס איך האַלט זיך אַ ביסל מן הצד און בין צו פיל פאַרטאָן אין די פּאַריזער ביבליאָטעקן.

די רוסישע עמיגראַציע האָט זיך געלעבט אין איר וועלט און האָט קיין שייַכות ניט געהאַט צום אַרומיקן פראַנצויזישן פּאָליטישן לעבן, אויסער וואָס זי פלעגט אַמאָל קומען אויף סאָציאַליסטישע מיטינגען. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט געקוקט קרום אויף די דאָזיקע פּאָליטישע עמיגראַנטן. די ראַדיקאַלן — פון די סאָציאַליסטן שוין אָפּגערעדט — האָבן פאַרקערט פאַרהאַלטן זיך צו זיי מיט גרויס סימפּאַטיע. אַזוי האָט דער פירער פון די ראַדיקאַלן קלעמאַנסאָ, דער רעדאַקטאָר פון „זשוסטיס“, אין יאָר 1880 ענערגיש געקעמפט קעגן דעם, אַז מען זאָל אַרויסגעבן דער רוסישער רעגירונג דעם טעראָריסט לעוו האַרטמאַן, וואָס איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד, און האָט עס אויסגעפירט. קלעמאַנסאָ איז געווען אַ גוטער פרייַנד פון לאַווראָוון, און בעת פראַנקרייַך האָט געשלאָסן דעם אַליאַנס מיט רוסלאַנד אָנהייב די 90ער יאָרן, איז ער אין זייַן צייַטונג שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן, האָט אָפּגעדרוקט ווי אויף צו להכעיס אַן אַרטיקל וועגן לאַווראָוון און געשריבן, אַז אים איז ליבערשט אַ בונד מיט לאַווראָוון, ווי אַ בונד מיטן צאַר. וואָס איז מיט קלעמאַנסאָ שפּעטער געוואָרן, איז אַלעמען גוט באַקאַנט.

אין אַ געוויסער צייַט אַרום נאָך מייַן קומען קיין פּאַריז האָב איך דורך די פּוילישע חברים באַקומען אַן אויסצוג פון געהיימען רוסישן „פּאָליציייִשן לעקסיקאָן“, וואָס האָט אַנטהאַלטן די ביאָגראַפיעס פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס ווערן געזוכט. דאָרט בין איך אויך געווען — אונטער יתרוס נעמען: אָסיפּ, חנן, לעוו אַאַז״וו, דערבייַ איז געווען אַ באַפעל צו אַרעסטירן מיך אויפן גרענעץ און דרינגלעך צושטעלן קיין פּעטערבורג. היות ווי די חכמים פון דער ווילנער אָכראַנע האָבן זיך ניט געכאַפּט, אַז אָסיפּ און חנן ראַפּאַפּאָרט איז איין און די זעלביקע פּערזאָן, איז שוין איצט די פּאָליציי געוואָרן גאָר קלוג און האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן אויפן גרענעץ „אַלע ראַפּאָפּאָרטס“.[16]

איידער איך גיי אַריבער צו דער ווייַטערדיקער תקופה, וויל איך דאָ דערמאָנען אַן עפּיזאָד, וואָס געהער נאָך צו די ערשטע יאָרן אין פּאַריז. אין יאָר 1889, בעת אין פּאַריז האָט זיך פאַרזאַמלט דער ערשטער קאָנגרעס פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ווי איך בין געווען צווישן דעם פּובליקום, האָב איך זיך באַקענט מיט פּלעכאַנאָוון און אַקסעלראָדן. איך האָב זיי פאַרבעטן צו מיר אין דירה (איך האָב דעמאָלט געוווינט אויף רי גלאַסיער) בכדי זיך דורכשמועסן מיט די דאָזיקע צוויי וויכטיקסטע פאָרשטייער פונעם רוסישן מאַרקסיזם וועגן רעוואָלוציאָנערע פּראָבלעמען. אין די שמועסן האָט זיך אויך באַטייליקט מייַן פרייַנד יעקב יודעלעוויסקי. די פּרטים פון דעם שמועס געדענק

---

[15] ווערט געמיינט מ. באַראַנאָוו (1864—1924), דער שפּעטערדיקער באַקאַנטער יידישער סאָציאַליסטישער טוער און שרייַבער אין אַמעריקע. זייַן אמתער נאָמען איז יוסף גאַרמידאָר (מיכאַיל באַראַנאָוו — זייַן פּאַרטיי-פּסעוודאָנים), שטאַמט פון זשיטאָמיר, געענדיקט גימנאַזיע אין כאַרקאָוו, דערנאָך סטודענט פון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. אין 1886 צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט און פאַרמשפּט אויף פאַרשיקונג קיין סיביר, אָבער אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, האָט 1887 געלעבט אין ציריך, אין 1888 אין פּאַריז און דערנאָך אין לאָנדאָן, וווּ ער איז געווען קאָרעספּאָנדענט פון „וואָסכאָד“. שפּעטער געלעבט אין אַרגענטינע און פון 1895 ביז זייַן טויט אין ניו-יאָרק. זע: „ביאָ-ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן“ (רוס׳), ב׳ III, נר׳ 2, ז׳ 731; ז. רייזען, „לעקסיקאָן“, ב׳ 1, ז׳ 222.

[16] אין פאַרבינדונג קענטיק מיט דעם באַפעל איז אין אַפּריל 1890 אויף דעם רוסישן גרענעץ אַרעסטירט געוואָרן איינער יו. ראַפּאָפּאָרט (אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד דעם „סאָציאַליסט“ אין 1889), בייַ וועמען מען זאָל האָבן געפונען דינאַמיט; ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו 4 יאָר טורמע.

איך שוין ניט, אָבער דאָס געדענק איך, אַז איך האָב מסכים געווען מיט זיי, אַז דער קאַפּיטאַליזם אַנטוויקלט זיך אין רוסלאַנד און אַז בויען אַלץ נאָר אויף דער רוסישער „אָבשטשינע", ווי די נאַראָדניקעס האָבן דאָס געטאָן, קען מען ניט. אָבער—האָב איך געטענהט—צו לאַנג וועט אויסקומען צו וואַרטן, ביז דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט וועט באַזיגן דעם צאַריזם. דערויף האָט פּלעכאַנאָוו מיר געענטפערט: „ווי לאַנג ס'זאָל ניט זיין דער קאָרידאָר, וואָס פירט אין צימער, מוז מען דאָך דעם קאָרידאָר דורכגיין".

אין גיכן האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן שטודירן אין דער שווייץ, ווו עס הייבט זיך אָן אַ נייַ בלעטל אין מיין ביאָגראַפיע.

געווען איז דאָס אין יאָר 1890 און איך האָב זיך באַזעצט אין ציריך. איך בין דאָ אַריין אין אוניווערסיטעט און האָב פּלייַסיק שטודירט פילאָסאָפיע. מייַן ערשטער לערער אויף דעם געביט איז געווען דער באַרימטער פילאָסאָף ריכאַרד אַווענאַריוס. אייגנטלעך האָב איך זיך מער געלערנט פון ביכער, אָבער מייַן ערשטער פּראָפעסאָר האָט מיר פיל געהאָלפן. אַווענאַריוס איז געווען באַקאַנט מיט זייַן אומגעהייַערער ערודיציע, ראשו ורובו אַרייַנגעטאָן אין פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. אַ שאַרפער שונא פון יעטווידער מעטאַפיזיק, האָט ער זיך געשאַפן אַן אייגענע סיסטעם. דעם גרונדגעדאַנק פון זייַן סיסטעם האָט ער אַליין אַזוי פאָרמולירט: „ניכט דאַס פּראָבלעם ווירד געלעזט, זאָנדערן ווירד ווערדען ערלעזט". דאָס מיינט, אַז ווען מיר געפינען אַ לייזונג פון אַ פּראָבלעם, באַקומט אונדזער מוח אַ תיקון, אַ באַפרייַונג, ווערט באַפרידיקט אונדזער פיזיאָלאָגישע גלייַכוואָג, אונדזער „לעבנס-דיפערענץ", ווי ער האָט עס אָנגערופן. יעדן מיטוואָך האָבן מיר, זייַנע צוהערער, געהאַט אַ פילאָסאָפישן סעמינאַר בייַ אים אין דער היים, דערבייַ פלעגן זיצן אַווענאַריוס און זייַן פרוי, וואָס האָט אונדז מכבד געווען מיט וויין, און מיר האָבן זיך געפילט זייער היימיש אין דער פרייַנדלעכער סביבה פון דעם אָריגינעלן דענקער. נאָך אַ יאָר-אָנדערטהאַלבן אין ציריך האָב איך באַשלאָסן פאָרן שטודירן קיין בערלין. אַז איך האָב וועגן דעם מיטגעטיילט פּראָפ' אַווענאַריוסן, האָט ער מיך מיט אַן אמת באַדויערט, וואָס איך פאָר אין סאַמע נעסט פון דער טראַדיציאָנעלער מעטאַפיזישער פילאָסאָפיע, וואָס ער האָט זי אַזוי ניט געקענט לייַדן.

אין ציריך האָב איך זיך באַקענט מיט מייַן שפּעטערדיקער פרוי פאַניע ראַטנער, וועלכע האָט אויך שטודירט אין אוניווערסיטעט. פאַניע האָט געשטאַמט פון זייער אַ רייַכער מאָהילעווער פאַמיליע, זי איז געווען די טאָכטער פונעם דאָרטיקן מיליאָנער שלום ראַטנער, האָט צעריסן מיט איר פאַמיליע, פאַרלאָזן די היים צוליב דער רעוואָלוציע און איז אָן שום מיטלען געקומען קיין ציריך שטודירן. שטילערהייט האָט איר דער ברודער יעדן חודש צוגעשיקט אַ קליינע סומע צום לעבן, אָבער זי פלעגט דעם גרעסטן טייל געלט צעגעבן די נויטבאַדערפטיקע חברים. אַליין האָט זי ניט דערעסן—צו וואָס זי איז פון דער היים ניט געווען צוגעוויינט,—איז אַרומגעגאַנגען אין צעריסענע שיך, האָט געכאַפּט אַ שאַרפן רעוומאַטיזם און אַ האַרצקרענק. אַז מיר האָבן זיך באַקענט, האָבן מיר געגומען צוזאַמען שטודירן פּאָליטישע עקאָנאָמיע און דער עיקר פילאָסאָפיע און ספּעציעל קאַנטס „קריטיק דער ריינען פערנונפט". אין גיכן זייַנען מיר, לויט דער עצה פון דאָקטאָר, ביידע אַוועקגעפאָרן קיין איטאַליע, אין אָספּידאַלעטי, בייַ סאַן-רעמאָ—דאָרטן איז איר נאָך ערגער געוואָרן. אַז זי איז אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט זי זיך גענומען איבערזעצן אין רוסיש קאַנטן; די איבערזעצונג איז געבליבן ניט פאַרענדיקט און שפּעטער איז דער מאַנוסקריפּט פאַרפאַלן געוואָרן. אין איטאַליע האָב איך איר אָנגעהויבן דיקטירן אין דייַטש מייַנע אייגענע פילאָסאָפישע געדאַנקען פאַר אַ ווערק, וואָס איך האָב זיך געקליבן שרייַבן—„דיע פילאָזאָפיע דעס אונמיטטעלבאַרען". דאָס איז געווען לערך אין יאָר 1891; איך האָב נאָך דעמאָלט קיין השגה ניט געהאַט וועגן דעם ווערק פון אַנרי בערגסאָן, וואָס האָט לערך אַן ענלעכן טיטל. אָבער די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט האָט מיך שטענדיק אָפּגעריסן פון מייַנע פילאָסאָפישע אַרבעטן, און מייַן

„סיסטעם" איז געבליבן ביז איצט ניט פאַרענדיקט. אין אַ וויץ פלעג איך זאָגן צו מײַנע פרײַנד, אַז דאָס ווערק וועט מען אַמאָל פאַרפאַנטלעכן ערשט נאָך מײַן טויט, מחמת בײַם לעבן וויל איך זיך ניט קאָמפּראָמעטירן...

אַז מיר האָבן באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין בערלין, האָבן מיר זיך אויפן וועג, אין קעניגסבערג, אָפּגעשטעלט און דאָרט חתונה געהאַט. אַהער זײַנען ספּעציעל אַראָפּגעקומען פאַניעס עלטערן. פון מײַן שווער האָב איך באַקומען אַ מתנה אַ טײַערן זײַדענעם טלית, און איך האָב מײַן פרוי צו דער חתונה געשאָנקען אַ מתנה די געזאַמלטע שריפטן פון מײַן באַליבטן לודוויג בערנע. איך האָב געמאַכט אויף זיי אַן אויפשריפט, גענומען פון זײַנע „פאַריזער בריוו": „ליגט די פרײַהייט אין אַ ים פון בלוט—וועלן מיר זי פון דאָרטן אַרויסבאַקומען; ליגט זי אין אַ ים פון שמוץ—וועלן מיר זי אויך פון דאָרטן אַרויסבאַקומען".[17]

אין בערלין בין איך אַרײַן אין אוניווערסיטעט. רעקטאָר פון אוניווערסיטעט איז דעמאָלט געווען דער באַרימטער געלערנטער און ליבעראַלער פּאָליטיקער פּראָפ׳ ווירכאָוו, באַקאַנט דורך זײַן קאַמף אין דער וויסנשאַפט מיטן דאַרוויניזם און אין פּאָליטיק—מיט ביסמאַרקן. איך האָב זיך ערנסט גענומען פאַרן שטודיום, האָב באַזוכט די לעקציעס אין בערלינער אוניווערסיטעט, ווו עס האָבן דעמאָלט געלייענט אַ סך באַרימטע געלערנטע (דיבואַ-ריימאָן, עדואַרד צעלער, געאָרג זימעל, אַדאָלף וואַגנער, פּאָולזען א"אַ), און געאַרבעט אין די רײַכע ביבליאָטעקן פון בערלין. דאָ האָב איך זיך נעענטער באַקענט מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג און האָב שוין דעמאָלט קלאָר געזען, ווי די ס"ד-פירער גליטשן זיך אַראָפּ אויפן וועג פון אָפּאָרטוניזם און רעפאָרמיזם; העכער פון די אַנדערע איז געשטאַנען בעבעל, וואָס האָט געהאַט באמת אַ רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, אָבער פאַקטיש האָט אויך ער אין זײַנע רעדעס געפּריידיקט אָפּאָרטוניזם.

איך געדענק, ווי אין בערלין האָב איך זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער דיסקוסיע, וואָס האָט זיך געפירט אין דער רוסיש-ייִדישער עמיגראַנטישער קאָלאָניע צווישן די סאָציאַליסטן און ציוניסטן (אָדער „פּאַלעסטינאָפילן"). מצד די ציוניסטן פלעגט אַרויסטרעטן אַ טאַלאַנטפולער און געשיקטער רעדנער ל ע אָ מ אָ צ ק י ן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. די ציוניסטן זײַנען געווען אויפגעבראַכט, ווען איך האָב אין דער דיסקוסיע געזאָגט, אַז מיר, רעוואָלוציאָנערן, זײַנען געגנער פון דער „איבערוואַנדערונג פון ייִדן אין קליין-אַזיע", דערבײַ האָב איך געשטעלט מיט אַ כּיוון דעם טראָפּ אויף „אַזיע".

אין איינעם שיינעם פרימאָרגן האָט זיך די פרײַסישע פּאָליציי אַ נעם געטאָן צו אונדז, די פּאָליטישע עמיגראַנטן. זי האָט געמאַכט אַ הויזזוכונג אין מײַן וווינונג, און הגם מײַן פרוי איז געלעגן קראַנק אין בעט, זײַנען מיר ביידע געוואָרן אַרעסטירט; צוזאַמען מיט אונדז זײַנען אַרעסטירט געוואָרן נאָך אַ מאַן 10, צווישן זיי העלפאַנד—פּאַרווּס, כינטשוק (דער שפּעטערדיקער סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין) א"אַ. מען האָט אונדז אָפּגעהאַלטן צוויי טעג און משלח געווען פון פרײַסן,[18] אַזוי בין איך ווידער געקומען אין דער שווייץ. דאָס מאָל האָב איך זיך מיט מײַן פרוי באַזעצט אין ב ע ר ן.

## IV

צוריך. — בערן. — דער „פאַרבאַנד פון די רוס׳ סאָצ׳-רעוואָלוציאָנערן".

בעת איך בין מיט אַ יאָר דרײַ פאַר דעם צום ערשטן מאָל געקומען אין דער שווייץ, קיין צ ו ר י ך, האָב איך אין דער עמיגראַנטישער קאָלאָניע געפונען צוויי געגנערישע

[17] „Liegt die Freiheit unter einem Meer von Blut—wir holen sie. Liegt sie unter einem Meer von Koth—wir holen sie ebenfalls".

[18] דאָס איז געווען דעם 17טן פעברואַר 1893.

לאַגערן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין דיסקוטירן און אַרומרייַסן זיך — די מאַרקסיסטן און „נאַראָדניקעס". בראש פֿון די מאַרקסיסטן זיַינען געשטאַנען פּאַוועל אַקסעלראָד, זיַין שוואָגער קאַלמאַנסאָן און באָריס קריטשעווסקי, בראש פֿון די „נאַראָדניקעס" — חיים זשיטלאָווסקי. איך האָב דעמאָלט אין די דעבאַטן קיין אָנטייל ניט גענומען — די פּראָגראַם-רייַסערייַען זיַינען מיר בכלל ניט געווען צום האַרצן, אָבער די גאַנצע קאָלאָניע איז געווען פֿול מיט די לייַדנשאַפֿטלעכע דיסקוסיעס צווישן די צוויי ריכטונגען. היות ווי איך בין דעמאָלט נוטה געווען מער צו די „נאַראָדניקעס", זיַינען מיַינע סימפּאַטיעס געווען אויפֿן צד פֿון זשיטלאָווסקין[19].

אין ציריך אַגבֿ האָב איך זיך געטראָפֿן מיט יאָגיכעס-טישקאָ[20], וואָס איז דעמאָלט אַהינצו אַריבערגעפֿאָרן. אָבער שוין אין גיכן איז צווישן אונדז פֿאָרגעקומען אַן ערנסטער סיכסוך צוליב דער אויסגאַבע פֿון די מאַי-רעדעס פֿון די ווילנער אַרבעטער. די דאָזיקע רעדעס זיַינען צוגעשיקט געוואָרן פֿון ווילנע קיין אויסלאַנד, ווו זיי האָבן געזאָלט אָפּגעדרוקט ווערן. איך האָב געהאַלטן, אַז די רעדעס זיַינען געווען געשיקט צו מיר, אָבער יאָגיכעס, צו וועמען זיי זיַינען אַריַינגעפֿאַלן, האָט באַשלאָסן זיי אַרויסצוגעבן אין זיַין פֿאַרלאַג „סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ביבליאָטעק", אויף וואָס איך האָב ניט געוואָלט מסכים זיַין[21] (ער איז שוין צו יענער ציַיט געווען אַריבערגעגאַנגען אין ס"ד-לאַגער). אין אויסלאַנד האָט זיך זיַין שווערער כאַראַקטער נאָך מער געלאָזט פֿילן, ער האָט כסדר געהאַט סיכסוכים מיט די חבֿרים און מיט קיינעם ניט געקענט צוזאַמענאַרבעטן. אַ השפּעה אויף אים האָט געהאַט נאָר איין ראָזע לוקסעמבורג, און דאָס אויך ניט שטענדיק.

אין ציריך איז לויט מיַין פֿאָרשלאָג געגרינדעט געוואָרן דער „פֿאַרבאַנד פֿון די רוסישע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" (Союз Русских Социалистов Революционеров), פֿון וועלכן עס האָט זיך שפּעטער, אין 1900, אויסגעבילדעט די באַקאַנטע ס"רישע פּאַרטיי. געגרינדעט האָבן מיר דעם „סאָיוז" אין איינעם מיט חיים זשיטלאָווסקין. אין דער פֿאַרזאַמלונג פֿון דעם ענגן קריַיז, ווו דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן, האָבן זיך באַטייליקט אויסער אונדז אויך זשיטלאָווסקיס פֿרוי — ווערע סעוועריאַנאָוונאַ, גריגאָרי פּאָלאָנסקי און שליכטער. דוכט מיר, אַז מער קיינער ניט[22]; פֿאַני ראַטנער (שפּעטער מיַין פֿרוי) איז אויך צוגעשטאַנען צום פֿאַרבאַנד. איך האָב אויף דער דערמאָנטער פֿאַרזאַמלונג פֿאָרמולירט די פּראָגראַם, וואָס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. די גרונדגעדאַנקען פֿון פּראָגראַם אַנטהאַלט שוין דער נאָמען אַליין, וואָס איך האָב פֿאָרגעלייגט, ווו אין יעדן וואָרט ליגט אַ געוויסע כוונה. „סאָיוז"-פֿאַרבאַנד דערפֿאַר, ווייַל מיר ווילן שאַפֿן

---

19 מ. מ. ראָזענבוים שרייַבט אין זיַינע „ערינערונגען פֿון אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער" (ב׳ 1, ז׳ 70), אַז בעת ער איז אין 1892 געקומען פֿון רוסלאַנד קיין ציריך, האָט מען אים דערציילט, אַז אין משך פֿון 5–6 חדשים „איז דאָרט אָנגעגאַנגען אַ שטורמישע דעבאַטע, וואָס האָט זיך פֿאַרצויגן אין 72 נעכט". פֿגל׳ אויך ראָזענבוימס אַרט׳ אין „זשיטלאָווסקי-זאַמלבוך", וואַרשע 1929, ז׳ 34.

20 יאָגיכעס איז אין יענער ציַיט געווען באַקאַנט אונטער דעם פּאַרטיי-פּסעוודאָנים גראָזאָווסקי.

21 דאָ ווערט געמיינט די בראָשור Четыре речи еврейских рабочих (אַרויס 1893 אין זשענעווע). די דאָזיקע „4 רעדעס פֿון די יידישע אַרבעטער אין ווילנע 1892" ווערן פֿון אונדז איבערגעדרוקט אין דעם זאַמלבוך.

22 מ. מ. ראָזענבוים אין זיַינע זכרונות (ב׳ 1, ז׳ 89) שרייַבט, אַז דער „סאָיוז" איז געגרינדעט געוואָרן האַרבסט 1893, אין בערן, און אַז ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג פֿון פֿאַרבאַנד (פֿגל׳ אויך זיַין אַרט׳ אין „זשיטלאָווסקי-זאַמלבוך", ז׳ 39). דאָס שטימט ניט מיט דער באַהויפּטונג פֿון ש. ראַפּאָפּאָרט, לויט וועלכער דער „סאָיוז" איז געגרינדעט געוואָרן בעת ער האָט געלעבט אין ציריך, נאָך פֿאַר בערלין, דאָס מיינט מען אין די יאָרן 1891–1892 און נאָך איידער מ. ראָזענבוים איז געקומען פֿון רוסלאַנד אין דער שוויַיץ. מען דאַרף אָננעמען, אַז די ערשטע פּראָגראַם-פֿאַרזאַמלונג פֿון „סאָיוז" איז פֿאָרגעקומען פֿריער, און די פֿאָרמעלע גרינדונג, מיט אַ פּראָגראַם פֿון אַרבעט, ערשט שפּעטער, אין 1893.

אַ בונד, אַ פֿאַראייניקונג פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע כּוחות, וואָס אַרבעטן אין און פֿאַר רוסלאַנד — דערפֿאַר אויך דאָס וואָרט „רוסישע"; מיר זײַנען „סאָציאַליסטן" און באַטאָנען דאָס, ווײַל די אַלטע „נאַראָדניקעס", וואָס האָבן זיך דעמאָלט אין אויסלאַנד גרופּירט אַרום דעם לאָנדאָנער „פֿאָנד פֿון פֿרײַער רוסישער פּרעסע",[23] זײַנען, לויט אונדזער מיינונג, געווען מער ליבעראַלן ווי סאָציאַליסטן. מיר האָבן זיך אויך ניט אָנגערופֿן „נאַראָדניקעס" דערפֿאַר, ווײַל מיר האָבן שוין אָנערקענט די וויכטיקע ראָלע אויך פֿון פּראָלעטאַריאַט. מיר האָבן דערבײַ געשטעלט דעם טראָפּ אויף „רעוואָלוציאָנערן", בכדי אָפּצוגרענעצן זיך פֿון די סאָצ׳-דעמאָקראַטן, באַזונדערס די דײַטשע, וואָס זײַנען מער דעמאָקראַטן און אָפּאָרטוניסטן ווי רעוואָלוציאָנערן. מיר האָבן אָנערקענט אויך טעראָר, ווי אַ קאַמפּמיטל; אַרײַנשרײַבן עס אין פּראָגראַם האָבן מיר ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק, אָבער מרמז געווען דערויף אין די ווערטער: „אַקטיווע מעשים": „טעראָר מאַכט מען, אָבער וועגן טעראָר רעדט מען ניט" — איז געווען אונדזער מיינונג.

פֿאַר די אָנפֿירער פֿון „סאָיוז" האָבן זיך גערעכנט זשיטלאָווסקי און איך. מײַן פֿרײַנד חיים זשיטלאָווסקי איז שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט ווי אַ געבילדעטער און פֿילאָסאָפֿיש געשולטער מענטש, אַ גלענצנדער רעדנער, מיט אַ סך אָריגינעלע געדאַנקען, אַן אייביקער זוכער פֿון נײַע אמתן. אין צוויי פּונקטן איז ער שטענדיק געבליבן זיך געטרײַ: ער איז געווען און געבליבן אַ ייִדישער נאַציאָנאַליסט און אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטימאַרקסיסט. איינע פֿון זײַנע באַליבטע אידעען איז געווען דער רענעסאַנס פֿון דער ייִדישער שפּראַך, וואָס ער איז אַזאַ מײַסטער פֿון איר. געטרײַ איבערגעגעבן זײַן פֿאָלק, האָט ער שטענדיק געזוכט אַרײַנצובלאָזן אין אים דעם גײַסט פֿון סאָציאַליזם, אָבער אין אַ ריין אידעאַליסטישן לבֿוש. ער איז אַ געגנער פֿון מאַטעריאַליסטישער געשיכטס-פֿילאָסאָפֿיע, וועלכע ער האָט יאָרן לאַנג שטודירט לויט די דײַטשע מקורים. דער חסרון זײַנער איז, וואָס ער איז אַ פֿילאָסאָפֿישער עקלעקטיקער, און דעריבער האָט ער מיר ניט אימפּאָנירט ווי אַ טיפֿער דענקער. אָבער איך האָב אים שטענדיק ליב געהאַט, ווײַל ער איז געווען אַ גוטער חבֿר און גײַסטרײַכער פֿײַנער מענטש. קומענדיק נאָך בערלין מיט מײַן פֿרוי קיין בערן האָבן מיר זיך דאָ נאָך מער באַפֿרײַנדעט מיט אים און מיט ווערע סעוועריאַנאָווינאַ, זײַן פֿרוי.

זשיטלאָווסקי איז געווען מער פֿון מיר פֿאַרקאָכט אין דעם גורל פֿון רוסישן פּויער און אין דער אַגראַר-פֿראַגע, און איך פֿלעג צו אים אין אַ וויץ זאָגן: „חיים, דו באַגראָבסט דײַן טאַלאַנט אין דער ערד"...[24] מיך האָט ער געהאַלטן פֿאַר אַ ביסל געכאַפּט אין דער מעשה — פֿאַר אַ שטיקל מאַרקסיסט. איך האָב שוין דעמאָלט אָנערקענט די היסטאָרישע ראָלע פֿון פּראָלעטאַריאַט און די אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, אָבער איך בין דערבײַ געבליבן אַ געגנער פֿונעם פֿילאָסאָפֿישן מאַרקסיזם און היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. „איר וועט מיר ניט אײַנרעדן, אַז ספּינאָזאַ איז אַ פּראָדוקט פֿון דער טעקסטיל-אינדוסטריע אין האָלאַנד" — פֿלעג איך טענהן מיט מײַנע מאַרקסיסטישע געגנער. איך בין געווען אַן אָנהענגער פֿון מאַרקסן, אָבער ניט פֿון די מאַרקסיסטן, און איך

---

23 דער „פֿאָנד פֿון פֿרײַער רוס׳ פּרעסע" (Фонд вольной русской прессы) איז געגרינדעט געוואָרן אין לאָנדאָן אין 1891 פֿון די אַלטע „נאַראָדניקעס": סטעפּניאַק, וואָלכאָווסקי, טשײַקאָווסקי, שישקאָ, לאַזאַרעוו און לאַזאַר גאָלדענבערג.

24 עס איז אינטערעסאַנט, פֿון דער צווייטער זײַט, צו ברענגען די מיינונג פֿון ח. זשיטלאָווסקין וועגן ש. ראַפּאָפּאָרטן: „צו ראַפּאָפּאָרטן האָט מיך געצויגן ניט נאָר זײַן ריינער ערנסטער רעוואָלוציאָניזם, זײַן כּמעט באַקונינישע רעוואָלוציאָנערע לײדנשאַפֿט, נאָר אויך זײַן העלער פֿרײַער טעאָרעטישער קאָפּ... נאָר בײַ אים האָב איך געפֿונען יענעם גײַסטיקן קוראַזש, וואָס קען ניט אײַנגעצוימט ווערן אין פֿאַרגליווערטע דאָגמען... ער האָט געהערט צו יענע דענקערטיפּן, וועלכע איך שעץ צום העכסטן"; זע זשיטלאָווסקיס אַרײַנפֿיר צו מ. ראָזענבוימס ציט׳ זכרונות, ב׳ 1, ז׳ XLVII.

געדענק, ווי איך האָב אין איינעם אַ רעפּעראַט מײַנעם געזאָגט: „איך אָנערקען דעם גרויסן קאַרל, אָבער ניט זײַנע אָנהענגער, די קליינע קאַרליקלעך"... דאָס האָט מײַנע געגענער שרעקלעך אויפֿגערעגט. איך האָב אויך ניט געשאָנעוועט אונדזער אייגענע גרופּע און האָב זיך געוויצלט איבער איר: „איך קען ניט דערלאָזן — פֿלעג איך זאָגן — אַ שפּאַלטונג אין אונדזער פּאַרטיי, מחמת זי באַשטייט אין גאַנצן פֿון מיר און חיימען (זשיטלאָווסקין), הײַנט ווי קען דאָ זײַן אַ מערהייט און מינדערהייט?"

אין דער אמתן איז עס געווען ניט אין גאַנצן אַזוי. מיר האָבן געהאַט אַ גאַנץ גרויסע גרופּע אָנהענגער, צווישן זיי עטלעכע מענטשן זייער ווערטפֿולע. איך וויל דאָ אָנווײַזן אויף די וויכטיקסטע פֿון זיי. זשיטלאָווסקיס פֿרוי וועראַ סעווערי־אַנאָוונאַ[25] איז געווען בלבֿ ונפֿש איבערגעגעבן אונדזער זאַך. אַן אויסגעצייכנטע קאָנספּיראַטאָרשע, זייער אַ קלוגע פֿרוי, מיט אַ פֿעסטן כאַראַקטער, אַ שווײַגערין, אײַנגעשלאָסן אין זיך, האָט זי בײַ די אַרומיקע אַרויסגערופֿן גרויס רעספּעקט און אויך ליבע (צוליב איר, דוכט מיר, האָט זיך אַ יונגער חבֿר אונדזערער גענומען דאָס לעבן). להיפּך צו איר מאַן, איז זי לויט דער נאַטור נאָך געווען אַן אַסקעט און האָט שטיל געטראָגן דעם עול פֿון דחקות און פֿאַמיליע־זאָרגן. שפּעטער זײַנען זיי זיך פֿונאַנדערגאַנגען; זשיטלאָווסקי איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און זי איז פֿאַרבליבן אין בערן.[26] פֿון די אַנדערע געדענק איך אויך דעם שטילן און איבערגעגעבענעם חבֿר לעווענטיס, אַ סטודענט פֿון ציריכער פּאָליטעכניקום, וואָס איז זײַן גאַנץ לעבן פֿאַרבליבן געטרײַ די אידעען פֿון „פֿאַרבאַנד" (ער איז געשטאָרבן אין פּאַריז אין 1919). וווּהין איז אַהינגעקומען גריגאָרי פּאָלאָנסקי, וואָס איז געווען אויך פֿון די גרינדער פֿון „פֿאַרבאַנד", ווייס איך ניט; איך גלייב, אַז ער איז דאָס דער שפּעטער באַקאַנטער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קריטיקער אין רוסלאַנד. וואָס איז נגע שליכטערן, אויך פֿון די גרינדער, איז ער איצט אַן אָנגעזעענער באָלשעוויק אונו פֿאַרנעמט אַ הויכן פּאָסטן אין סאָוועט־אוקראַינע.

אַ באַזונדערס געטרײַער און ווערטפֿולער טוער פֿון „פֿאַרבאַנד" איז געווען מענדל ראָזענבוים, מײַן פֿרײַנד און „תּלמיד", ווי ער פֿלעגט זיך רופֿן. ער איז געקומען קיין בערן שוין נאָך דעם, ווי דער „פֿאַרבאַנד" האָט זיך געגרינדעט,[27] און האָט זיך תּיכּף אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט, איבערנעמענדיק די אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן פֿון אונדזער ליטעראַטור און די פֿאַרבינדונג מיט די חבֿרים אין רוסלאַנד. שטענדיק אין באַוועגונג, נערוועז, מיט אַ זעלטענעם שכל־הישר און זייער אַ וויציקער, האָט ער געהערט צו די ענטוזיאַסטישע רעוואָלוציאָנערע נאַטורן, האָט געטאָן די אַרבעט מיט אַ חסידישן ברען, און אין דעם, און ניט אין זײַנע טעאָרעטישע פֿעיִקייטן, איז געלעגן זײַן קראַפֿט. ער איז געווען אַ לײַדנשאַפֿטלעכער רײַזנדער און ריזיקאַנט און פֿלעגט האַלטן אין איין אַריבערפֿאָרן אומלעגאַל קיין רוסלאַנד און צוריק; אין רוסלאַנד פֿלעגט ער פֿאַרשפּרייטן אונדזערע אויסגאַבעס און שאַפֿן די נייטיקע פֿאַרבינדונגען. נאָך כּבֿוד האָט ער זיך ניט געיאָגט, האָט פֿײַנט געהאַט צו שטופּן זיך און איז געווען מיטן גאַנצן האַרצן איבערגעגעבן די אָנפֿירער פֿון „פֿאַרבאַנד". ער איז געווען מײַנער אַ הייסער חסיד (ווי ער שרײַבט אַליין אין זײַנע זכרונות, וואָס זײַנען אַרויס אין ייִדיש אין ניו־יאָרק),[23] אָבער אין זײַן וועלט־אָנשויונג איז ער פֿאַרבליבן זשיטלאָווסקיס אַ געטרײַער אָנהענגער ביזן סוף. אויף דער עלטער איז ער אַריבערגעפֿאָרן קיין פּאַלעסטינע. אַרומפֿאָרנדיק אומלעגאַל מיט אונדזער ליטעראַטור איז ער ניט איין מאָל אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון דער רוסישער פּאָליציי, איז געזעסן אין פּעטערבורגער פֿעסטונג; דאָס האָט שטאַרק צעטריסלט

25 פֿאַמיליע־נאָמען: לאָכאָוו.

26 זי איז געשטאָרבן אין בערן אין נאָוועמבער 1935.

27 זע אויבן די הערה 21.

28 „ערינערונגען פֿון אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער", 1924, צוויי בענד.

זײַנע נערװן, אָבער שפּעטער איז ער װידער געקומען צו זיך. אױף די רײַזעס האָט ער זיך אין בערלין געטראָפֿן מיט לענינען[29] און האָט מסכּים געװען אַריבערצופֿירן קײן רוס-לאַנד אַ קאָפֿערט מיט סאָצ'-דעמאָקראַטישער ליטעראַטור, װאָס לענין האָט אים מיטגעגעבן, הגם ער איז געװען אַ שאַרפֿער געגנער פֿון די מאַרקסיסטן. אַ דאַנק ראָזענבױמען איז צוגעשטאַנען צו אונדז אַזאַ װיכטיקע טוערין, װי יעקאַטערינאַ ברעשקאָװסקאַיאַ (די שפּעטערדיקע „באָבע פֿון דער רעװאָלוציע"), װעלכע איז געװען אונדזער פֿאַר-שטײערין אין רוסלאַנד און דערנאָך אײנע פֿון די פֿירער פֿון דער ס"רישער פּאַרטײ.

די הױפּט-טעטיקײט פֿון פֿאַרבאַנד, אױסער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט, איז באַשטאַנען אין אַרױסגעבן אַ פּאָפּולערע חודש-צײַטונג „רוסקי ראַבאָטשי" (דער רוסישער אַרבעטער). איך בין געװען פֿאַקטיש כּמעט דער אײנציקער רעדאַקטאָר און כּמעט דער אײנציקער מיטאַרבעטער. דער ערשטער נומער איז אַרױס אָנהײב 1894 און האָט זיך געדרוקט אין פּאַריז, שפּעטער פֿלעגט ער זיך דרוקן אין דער שװײץ (אין זשענעװע).[30] אין גאַנצן זײַנען אַרױס 11 נומערן. מיר האָבן אױך אַרױסגעגעבן עטלעכע פּראָקלאַ-מאַציעס באַלד נאָכן טױט פֿון אַלעקסאַנדער III (1894): „צום פֿאָלק", אָנגעשריבן פֿון ראָזענבױמען, „צו דער געזעלשאַפֿט" און „צו די סאָציאַליסטן-רעװאָלוציאָנערן", װאָס זשיטלאָװסקי און איך האָבן אָנגעשריבן; אױסער דעם האָבן מיר אַרױסגעלאָזט אַ פּאָר גאָר קלײנע בלעטלעך מיט קורצע לאָזונגען, װי „נידער מיט דער זעלבסט-הערשאַפֿט!" וכדומה.

דער הױפּט-חסרון פֿון אונדזער „סאָיוז" איז באַשטאַנען אין דעם, װאָס אים האָט געפֿעלט אַ פֿעסטע דאָקטרין און אַן אױסגעהאַלטענע טעאָרעטישע באַזע (דאָס איז אױך שפּעטער געװען דער חסרון פֿון דער ס"רישער פּאַרטײ). אַרום אים האָבן זיך גרופּירט סײַ ריינע „נאַראָדניקעס", סײַ האַלבע מאַרקסיסטן, סײַ אַפֿילו אַנאַרכיסטן, װי, למשל, סליאָטאָװאַ, די געװעזענע פֿרױ פֿון װיקטאָר טשערנאָװ. און פֿאַקטיש האָבן די אײבער-האַנט מיט דער צײַט באַקומען די מער אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן, װי װיקטאָר טשערנאָװ און זײַנע אָנהענגער. די פּראָגראַם פֿון די סאָציאַליסטן-רעװאָלוציאָנערן האָט צום ערשטן מאָל פֿאָרמולירט ח. זשיטלאָװסקי אין זײַן בוך, װאָס איז געװען געחתמעט מיטן פּסעװדאָנים גריגאָראָװיטש.[31] װיקטאָר טשערנאָװ איז אַרײַן אין „סאָיוז" ערשט סוף די 90ער יאָרן (אױב איך האָב קײן טעות ניט — אין 1898). איך האָב ניט שטאַרק געהאַלטן פֿון אים און ניט פֿון זײַן אַרט רײדן און שרײַבן, אָבער די מערהײט איז געװען פֿאַר אים. אין דער אײגענער צײַט איז צו אונדז צוגעשטאַנען אױך ש. אַן-סקי (ש. ראַפּאָפּאָרט), זשיטלאָװסקיס אַ נאָענטער חבֿר און לאַװראָװס אַ גרױסער פֿרײַנד. איך געדענק װי הײַנט, אַז די פֿראַגע װעגן אַרײַננעמען טשערנאָװן און אַן-סקין האָבן מיר באַשלאָסן בײַ אונדז אין צענטער אױף אַ זיצונג, װאָס איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען אין פּאַריז, אױף בולװאַר קעלערמאַן.

באַזעצנדיק זיך נאָך בערן װידער אין פּאַריז, פֿלעג איך אָפֿט אַראָפּפֿאָרן קײן בערן, װוּ ס'איז געװען דער צענטער פֿון „סאָיוז", אָבער איך האָב זיך אַלץ מער און מער גענומען פֿון אים דערװײַטערן. צו דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אױך צוגעשאַרט יעװנאָ אַזעף, װאָס איז דעמאָלט געװען אַ סטודענט אין דאַרמשטאַט. איך האָב ניט געהאַט קײן שום גרונד צו צװײפֿלען אין זײַן פּאָליטישער ערלעכקײט, אָבער עפּעס איז ער מיר פֿון ערשטן אױגנבליק ניט געװען צום האַרצן. זײַענדיק אײן מאָל אין בערן, האָב איך אים געטראָפֿן אין גאַס און ער האָט מיר דערצײלט, אַז פֿון רוסלאַנד זײַנען

29 אין 1894.

30 דער ערשטער נומער „רוסקי ראַבאָטשי" איז אַרױס יאַנואַר 1894, דער לעצטער (עלפֿטער) אין פֿעברואַר 1899; די צײַטונג איז געװען רעדאַקטירט פֿון ש. ראַפּאָפּאָרטן און ח. זשיטלאָװסקין.

31 С. Григорович, Социализм и борьба за политическую свободу; 1894.

געקומען איייניקע אָנגעזעענע טוער, צווישן זיי ראַפֿאַיִל גאָץ, און אַז עס איז פֿאָרגעקומען אַ וויכטיקע באַראַטונג. צו דער באַראַטונג האָט מען מיך ניט פֿאַרבעטן, מחמת איך בין שוין געווען פֿאַר זיי חשוד אין מאַרקסיזם—און אַזאַ חטא האָט מען מיר ניט געקענט מוחל זײַן. אין 1903 האָב איך זיך אין גאַנצן געגעט מיט דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איך האָב אַליין געהאָלפֿן גרינדן, און האָב צוגעשיקט אַ מאָטיווירטע דערקלערונג, אַז איך טרעט אַרויס פֿון דער ס״רישער פּאַרטיי. איך האָב אַ גרונד אָנצונעמען, אַז טשערנאָוו און אויך אַזעוו, וואָס האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער פּאַרטיי און מיט וועמען איך בין געווען אין שלעכטע באַציִונגען, האָבן אַלץ געטאָן כּדי צו איזאָלירן מיך פֿון איר. איך בין שוין דעמאָלט אַרײַן אין דער פֿראַנצויזישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און בין בכלל אָפּגעגאַנגען פֿון דער רוסישער אַרבעט.

אָבער נאָך אין 1896 האָב איך געשפּילט אַ פּירנדיקע ראָלע אין „סאָיוז״ און בין געשיקט געוואָרן ווי זײַן דעלעגאַט צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן. די רוסישע סעקציע פֿון קאָנגרעס, וווּ עס האָט געשפּילט אַ ראָלע פּאַרוווס, און באַזונדערס, נאַטירלעך, פּלעכאַנאָוו, איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן צולאָזן אַ דעלעגאַט פֿון „סאָיוז״. דערבײַ האָט פּלעכאַנאָוו אויפֿן קאָנגרעס געזאָגט: „איך האָב פּערזענלעך גאָר ניט קעגן ח׳ ראַפּאָפּאָרט, אָבער זײַן פּאַרטיי איז אַזוי גרויס, אַז זי קען זיך באַקוועם אויס־זעצן אויף איין קאַנאַפּע״. דער קאָנגרעס האָט מיט אים מסכּים געווען, באַזונדערס נאָך מײַנער ניט זייער געראָטענער דערקלערונג, וואָס קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען. אויף דעם שטאָך האָב איך מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער אָפּגעענטפֿערט פּלעכאַנאָוון אין דעם דערמאָנטן בוך פֿון זשיטלאָווסקי-גריגאָראָוויטש מיט אַזאַ אַנעקדאָט: איין מאָל, אָנהייב די 90ער יאָרן, זײַנען פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, וועראַ זאַסוליטש און לעוו דײַטש געפֿאָרן זאַלבעפֿערט אויף אַ שיפֿל איבער דער זשענעווער אָזערע; האָט פּלעכאַנאָוו דערבײַ געזאָגט: „חבֿרים, זײַט פֿאָרזיכטיק! אַניט ווערט דאָ דערטרונקען די גאַנצע סאָצ׳-דעמאָ־קראַטישע פּאַרטיי פֿון רוסלאַנד״. פֿונדעסטוועגן — האָב איך מוסיף געווען — שפּילט די פּאַרטיי איצט אַ גרויסע ראָלע; דאָס קען אויך ווערן מיט אונדזער קאַנאַפּע-פּאַרטיי.

צו דעם בערנער פּעריאָד געהערט אויך מײַן באַגעגעניש מיט פֿ ר י ד ר י ך ע נ ג ע ל ס ן. אין בערן האָט עקסיסטירט דער „סאָציאַל-פּאָליטישער פֿאַראיין״ (אַ שווייצערישער, ניט קיין עמיגראַנטישער), וווּ עס פֿלעגן זיך צונויפֿקומען סאָציאַל-דעמאָקראַטן און דעמאָקראַטן און ערנסט באַהאַנדלען סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען. איך האָב איבערגענומען צו לייענען דאָרט אַ וויסנשאַפֿטלעכן רעפֿעראַט אויף דער טעמע „די סאָציאַלע פּראָבלעם און די עטיק״.

דעם דאָזיקן רעפֿעראַט האָב איך צוגעגעבן אַזאַ ווערט, אַז איך האָב באַשלאָסן אים גרינדלעך דורכצואַרבעטן, און בין אָוועקגעפֿאָרן צו דעם צוועק קיין לאָנדאָן אין בריטישן מוזיי.[32] מיט אַ רעקאָמענדאַציע-בריוו פֿון לאַווראָוון בין איך אַרײַנגעקומען צו ענגעלסן. ער האָט מיך זייער פֿרײַנדלעך און חבֿריש אויפֿגענומען. איך געדענק, מיט וואָס פֿאַר אַ באַגײַסטערונג ער האָט גערעדט וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד און ספּעציעל וועגן הערמאַן לאָפּאַטין, וואָס איז געווען אינטים באַפֿרײַנדעט מיט אים און קאַרל מאַרקסן (לאָפּאַטין איז דעמאָלט געזעסן אין שליסלבורגער פעסטונג; פֿאַר זײַן אַרעסט אין 1884 איז ער עטלעכע מאָל געווען אין אויסלאַנד). איך האָב ענגעלסן ממש פֿאַרשאָטן מיט פֿראַגן און ספֿקות און מיט מײַנע ניט איבעריקס באַשיי־דענע קעגן-אַרגומענטן—איך בין נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין מאַרקסיסט, אָבער שוין אויך ניט קיין פֿאַרביסענער געגנער. בעת מײַנע ווײַטערדיקע באַזוכן בײַ ענגעלסן האָט

32 שפּעטער איז דער דאָזיקער רעפֿעראַט מײַנער אַרויס ווי אַ בראָשור: Die soziale Frage und die Ethik.

ער מיר אויף אַ פראַגע, וואָס איך האָב אים געשטעלט, אַ שעה נאָכאַנאַנד געלייענט אַ גאַנצע לעקציע וועגן די עקאָנאָמישע סיבות פון פוריטאַניזם אין 17טן י"ה.

דעמאָלט האָט מען מיט אומגעדולד אין די מאַרקסיסטישע קרייזן געוואַרט אויפן 3טן באַנד פון מאַרקס' „קאַפּיטאַל", וואָס ענגעלס האָט צוגעגרייט צום דרוק. איך האָב אַ פראַגע געטאָן ביי ענגעלסן, פאַר וואָס געדויערט עס אַזוי לאַנג; בתשובה דערויף האָט ער מיר אַרויסגעטראָגן מאַרקס' מאַנוסקריפּטן און געזאָגט צו מיר: „פרוּווט לייענען". איך האָב געפּרוּווט, אָבער איך האָב ניט געקענט דורכלייענען אַפילו איין זאַץ ניט. „איר זעט — האָט צו מיר ענגעלס געזאָגט — ווי שווער עס איז זיך פונאַנדערצוקלייבן אין מאַרקסן, און דאָס אויך נאָר אין דער האַנטשריפט"...

V

צוריק אין פּאַריז. — דער דרייפוס-פּראָצעס און דער ענין מילעראַן.

אין דעצעמבער 1894 האָב איך געענדיקט דעם בערנער אוניווערסיטעט און באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר-פילאָסאָפיע פאַר דער דיסערטאַציע „וועגן די מעטאָדן און די הויפּטריכטונגען אין דער פילאָסאָפיע פון געשיכטע", וועלכע איך האָב שפּעטער איבערגעאַרבעט פון דייטש, דערגאַנצט און אַרויסגעלאָזט אין רוסיש און פראַנצויזיש.[33] דעם דאָקטאָר-טיטל מיט דער העכסטער אויסצייכענונג האָב איך באַקומען אויך פאַר קאָמענטירן דעם גריכישן טעקסט פון אַריסטאָטעלס מעטאַפיזיק. אין איין צייט מיט מיר האָט דעם בערנער אוניווערסיטעט געענדיקט אויך מיין פרוי פאַני ראַטנער, ניט געקוקט אויף איר האַרצקראַנקייט, און באַקומען דעם דאָקטאָר-טיטל פאַר איר אַרבעט וועגן דער „עסטרייכישער עקאָנאָמישער שול פון קאַרל מענגער-וויזנער". די קראַנקייט אירע איז געוואָרן אַלץ ערנסטער, און אין 1897 איז פאַני געשטאָרבן אין פאַריז. אויף איר לוויה איז געווען כמעט די גאַנצע רוסישע קאָלאָניע, דער אַלטער לאַוראָוו האָט געהאַלטן אַ רעדע אויף איר קבר.[34]

פאַר דער מאָראַלישער כאַראַקטעריסטיק פון פאַנין וויל איך דאָ ברענגען איין בולטן פאַקט. אין 1890 איז אונדזער פריינד יודעלעווסקי, וואָס איז צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, אַרעסטירט געוואָרן און פאַרמשפּט אויף 2 יאָר טורמע און דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן אין יאַקוטסקער גובערניע, אין ווייטן סיביר. אין פאַריז האָט ער איבערגעלאָזט זיין יינגל, אַ קינד פון 4 יאָר. ניט געקוקט אויף איר קראַנקייט און אויף אייגענע שווערע מאַטעריעלע דאגות, האָט פאַני גענומען אויף זיך די זאָרג צו דערציען דעם יינגל, וואָס איז ביי אונדז געוואָרן ווי אַן אייגן קינד. יודעלעווסקי איז געווען אַן אַלטער אינטימער פריינד נאָך פון די ערשטע רעוואָלוציאָנערע יאָרן, שפּעטער אָבער זיינען מיר זיך אידעיש פונאַנדערגעגאַנגען. אַ מענטש פון גרויסן וויסן און זעלטענעם כאַראַקטער, געטריי איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער אידעע, אין כסדרדיקן שווערן קאַמף פאַר עקסיסטענץ, איז יודעלעווסקי געווען ווייניק בייגעוודיק אין זיינע געדאַנקען, ניט אָריגינעל און איז פאַרבליבן פאַרגליווערט אויפן גאַנצן לעבן אין זיין שנאה צו מאַרקסיזם און סאָצ' דעמאָקראַטיע. קומענדיק צוריק קיין פאַריז נאָך זיין פאַרשיקונג אין סיביר, איז ער ממש פאַרציטערט געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך בין

---

33 אַרויס אין פאַרלאַג פּאַוולענקאָוו אין 1895 א"נ Философия истории; אין פראַנצויזיש האָט זי זיך תחילת געדרוקט אין „רעווי סאָסיאַליסט" און דערנאָך אין אַ באַזונדער אויסגאַבע אין פאַרלאַג „זשאַק" (1903).

34 אין די ציט' מעמוארן פון מ. מ. ראָזענבוים, ב' 1, ז' 79—84, ווערט געגעבן אַן אויספירלעכע כאַראַקטעריסטיק פון פאַני ראַטנער; דער מחבר שרייבט וועגן איר ווי וועגן „איינער פון די ליכטיקסטע פערזענלעכקייטן פון דער רוס' רעוו' באַוועגונג".

געוואָרן אַ מאַרקסיסט. אויף זײַן ערשטן רעפֿעראַט אין פּאַריז קעגן מאַרקסיזם האָב איך געמוזט עפֿנטלעך אַרויסטרעטן קעגן מײַן אַלטן פֿרײַנד און חבֿר, מיט וועלכן איך בין געווען יאָרן לאַנג אינטים פֿאַרבונדן, מער ווי מיט אַלע אַנדערע חבֿרים מײַנע. דאָס איז מיר געווען ניט אַזוי לײַכט. און פֿון דעמאָלט אָן זײַנען אונדזערע באַציִונגען איבער־געריסן געוואָרן, און מיר האָבן אויפֿגעהערט צו רעדן איינער מיטן צווייטן. שפּעטער זײַנען זיך אונדזערע וועגן אין גאַנצן פֿונאַנדערגעגאַנגען.

איין מאָל האָב איך געקראָגן פֿון דער רוסישער סטודענטן־קאָלאָניע אין מאָנפּעליע (דרום־פֿראַנקרײַך) אַ בקשה אַראָפּצוקומען צו זיי לייענען אַ רעפֿעראַט. די קאָלאָניע אין מאָנפּעליע איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע הונדערט פּערזאָן, כּמעט אויסשליסלעך פּרוּיען — איך ווייס אַליין ניט פֿאַר וואָס. צווישן די סטודענטן האָט געשפּילט אַ ראָלע כּריסטיאַן ראַקאָווסקי, אַ בולגאַר, וואָס האָט געשטאַמט פֿון אַ רומענישער געגנט, לויט זײַן רעוואָלוציאָנערער דערציִונג אַ רוסישער ס״ד און פּלעכאַנאָווס אַ געטרײַער תּלמיד; דאָס איז דער שפּעטערדיקער סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין פֿראַנקרײַך.[35] איך האָב געהאַלטן מײַן רעפֿעראַט אויף אַ היסטאָריש־פֿילאָסאָפֿישער טעמע און בין אַרויסגעטראָטן קעגן דער מאַרקסיסטישער געשיכטס־פֿילאָסאָפֿיע. מײַן אָפּאָנענט איז געווען דער יונגער ראַ־קאָווסקי. מיר איז אָנגעקומען ניט שווער אָפּצוענטפֿערן אים און צעקלאַפּן זײַנע אַרגו־מענטן, אַ ביסל אין אַ וויציקן טאָן. די פֿרויען־אוידיטאָריע האָט מיר געמאַכט אַ שטורמישע אָוואַציע. דאָרטן, אין מאָנפּעליע, האָב איך באַנײַט מײַן אַלטע פֿרײַנדשאַפֿט, נאָך פֿון ווילנע, מיט סאָפֿיע אָגוז. שפּעטער, נאָך פֿאַניס טויט, איז זי געוואָרן מײַן פֿרוי.

איך האָב שוין דעמאָלט געוווינט אין פּאַריז, ווו איך בין פֿאַרבליבן אויף שטענדיק. איך האָב ניט בדעה צו געבן דאָ אַ באַשרײַבונג פֿון מײַן טעטיקייט אין די רייען פֿון דער פֿראַנצויזישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — אַ פּעריאָד פֿון גוטע עטלעכע צענדליגג יאָר. איך וויל זיך נאָר אָפּשטעלן אויף אייניקע מאָמענטן.

מײַן ערשטן אַרטיקל אין פֿראַנצויזיש האָב איך אָנגעשריבן וועגן דעם קאַמף אין דער דײַטשער סאָצ׳־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפֿירט צווישן עד. בערנשטיין און די געגענער פֿון „רעוויזיאָניזם״, בראש מיט בעבעלן. ביז יענער צײַט האָב איך קיין מאָל קיין פֿראַנצויזיש ניט געשריבן, און מײַן ערשטער אַרטיקל איז מיר אָנגעקומען אַ ביסל שווערלעך. איך האָב דעם אַרטיקל געבראַכט אין דעם סאָציאַליסטישן אָרגאַן „רעווי סאָסיאַליסט״, ווו ער איז באַלד אָפּגעדרוקט געוואָרן (אין 1899); געחתמעט האָב איך זיך: „סימאַכאָס״ (אין גריכיש—קעמפּער). לערך אין דער זעלביקער צײַט האָט אויף אַ פֿאַר־זאַמלונג פֿון פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן פּאָל לאַפֿאַרג (מאַרקס׳ איידעם) געלייענט אַ רעפֿע־ראַט, אונטער דעם פּאָרזיץ פֿון עדוואַרד וואַיאַן, אין וועלכן ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם קולט פֿון אינטעליגענץ פֿון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט. איך האָב גענומען דאָס וואָרט און צום ערשטן מאָל אין אַ געבראָכענעם פֿראַנצויזיש געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער איך האָב אָפּגעענטפֿערט לאַפֿאַרגן און פֿאַרטיידיקט די ראָלע פֿון דער אינטעליגענץ אין דער רעוואָלוציע, אַרויסגייענדיק פֿון לאַוראָווס טעאָריע; שפּעטער איז מײַן רעדע אָפּגעדרוקט געוואָרן צוזאַמען מיט לאַפֿאַרגס רעפֿעראַט אין שאַרל פּעגיס „קאַיע״. די ביידע אַרטיקלען האָבן מיך באַלד באַקאַנט געמאַכט צווישן די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן, און איך בין אַזוי אַרום אַרײַן אין די קרײַזן און אין גיכן געוואָרן דאָרט אַן אייגענער מענטש. איך האָב אָנגעהויבן אָפּט מיטאַרבעטן אין דער פֿראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּרעסע, געשריבן אַרטיקלען וועגן דער רוסישער באַוועגונג, וועגן פֿילאָ־סאָפֿישע פֿראַגן, אין וועלכע איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם — ניט קעגן זײַן רעוואָלוציאָנערער פּראָגראַם, נאָר קעגן זײַן טעאָריע. אין דעם קרײַז

[35] סוף 1927 אָדער אָנהייב 1928 איז ראַקאָווסקי, לויט דער אויפֿפֿאָדערונג פֿון פּוּאַנקאַרע, אָפּגערופֿן געוואָרן קיין מאָסקווע.

פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום זשאָרעסן, האָט מען אויך וויייניק געהאַלטן פֿון אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם, און דערפֿאַר האָבן מײַנע אַרטיקלען אַזוי אויסגענומען. איך האָב זיך באַקענט מיט זשאָרעסן און מיר האָבן זיך באַלד באַפֿרײַנדעט.

געווען איז דאָס אין די שטורעמדיקע טעג פֿון דער דרייפֿוס-אַפֿערע . אין פֿראַנקרײַך האָט געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. די פּאָליטישע לײַדנשאַפֿטן האָבן זיך צעשפּילט זייער ערנסט, דאָס לאַנד האָט זיך צעטיילט ממש אויף צוויי מחנות—„דרייפֿוסאַרן" און „אַנטי-דרייפֿוסאַרן". אויב מען זאָל ניט רעכענען עמיל זאָלאַ, וועלכער איז מיט זײַן באַרימטן מוטיקן אַרטיקל „זש'אַקיוז!" – „איך באַשולדיק!"--אין קלעמאַנסאָס צײַטונג „ל'אָראָר"[36] פֿון די ערשטע אַרויסגעטראָטן מיט דער פֿאַרטיידיקונג פֿון דרייפֿוסן, זײַנען תּחילת די בורזשואַזע ראַדיקאַלן אין פֿראַנקרײַך ניט געווען נוטה צו קריכן אין דער אַפֿערע פֿון אַ פֿאַרמשפּטן ייִדישן קאַפּיטאַן. אויך בײַ די סאָציאַליסטן זײַנען אין אָנהייב ניט אַלע געווען מסכּים; אַזוי איז גראָד דער לינקער מאַרקסיסטישער פֿליגל, מיט געדן און לאַפֿאַרגן בראש, און אויך דער בלאַנקיסט עדואַרד וואַיאַן געווען קעגן דעם, אַז די סאָציאַליסטן זאָלן זיך אַרײַנמישן: וואָס גייט אייגנטלעך אָן די אַרבעטער די מעשה מיט אַ פֿאַרמשפּטן רײַכן ייִדישן אָפֿיציר? אָבער גאָר גיך איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָ גייט ניט אין דעם גורל פֿון דרייפֿוסן און אַפֿילו ניט אין אַ געריכטס-טעות, נאָר אין דעם גורל פֿון די רעפּובליקאַנישע פֿרײַהייטן אין פֿראַנקרײַך, קעגן וועלכע עס האָט זיך געשאַפֿן אַ פֿאַראייניקטער פֿראָנט פֿון דער שאָוויניסטישער מיליטעריש-קלעריקאַלער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע. און דאָס האָט דער ערשטער דערפֿילט זשאָרעס. די סאָציאַליסטן, בראש מיט זשאָרעסן און פֿראַנסיס דע פּרעסאַנסע, און די אַנאַרכיסטן, בראש מיט סעבאַסטיאַן פֿאָר, האָבן אָנגעהויבן אַן ענערגישע קאַמפּאַניע, וואָס האָט געצוווּנגען אויך די ראַדיקאַלן צו מאָביליזירן זיך קעגן די אַנטי-רעפּובליקאַנער.

דער פֿאַרביסענער קאַמף האָט אין יוני 1899 געבראַכט צו אַ שאַרפֿן מיניסטאָרן-קריזיס, וואָס האָט געדויערט צוויי וואָכן צײַט און האָט זיך פֿאַרענדיקט דערמיט, וואָס דער ראַדיקאַל וואַלדעק רוסאָ האָט איבערגענומען צו בילדן דעם קאַבינעט און האָט פֿאָרגעלייגט מיניסטאָרן-פּאָרטפֿעלן פֿון איין זײַט דעם גענעראַל גאַליפֿע, דעם „תּליון פֿון דער קאָמונע", און פֿון דער צווייטער—מילעראַנען, וואָס איז דעמאָלט נאָך געשטאַנען אין די סאָציאַליסטישע רייען. דער ענין מילעראַן האָט אַרויסגערופֿן אַן אמתן שטורעם בײַ די סאָציאַליסטן. זשאָרעס איז געווען אויפֿן צד פֿון מילעראַנען, ווײַל ער האָט געהאַלטן, אַז אין אַזאַ צײַט מוז דער ראַדיקאַלער קאַבינעט אַקטיוו געשטיצט ווערן פֿון די סאָציאַליסטן אין קאַמף קעגן דער רעאַקציע. איך דערמאָן זיך אַזאַ עפּיזאָד: מיר, אַ מענטשן 20 סאָציאַליסטישע טוער, האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין רעדאַקציע פֿון דער טאָג-צײַטונג „פּעטיט רעפּ:בליק", ווו עס האָט געאַרבעט זשאָרעס און אַ ריי אַנדערע סאָציאַליסטן, אין זײַן קאַבינעט טאַקע, און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף די רעזולטאַטן פֿון מיניסטאָרן-קריזיס. אין דעם מאָמענט איז צרײַנגעקומען זשאָרעס און קורץ געמאָלדן: „וואַלדעק רוסאָס קאַבינעט איז געבילדעט, אין אים גייען אַרײַן גאַליפֿע און מילעראַן". אַלע זײַנען געבליבן שטיין ווי פֿאַרגליווערט פֿון דער איבעררעשנדיקער ידיעה. צווישן אונדז זײַנען געווען צוויי אַלטע קאָמונאַרן – שאַרל לאָנגע (מאַרקס' צווייטער איידעם) און זשאַקלאַר, און דער נאָמען גאַליפֿע האָט זיי געמאַכט אויפֿציטערן. אָבער אַלע האָבן געשוויגן. דעמאָלט האָט זיך אין מיר אויפֿגעוועקט מײַן ייִדישע „חוצפּה" און איך האָב געזאָגט ווענדנדיק זיך צו זשאָרעסן: „Vous jouez un grand jeu—vous le perdrez" —„איר האָט אָנגעהייבן אַ גרויסע שפּיל – איר וועט זי פֿאַרשפּילן".

אַזוי האָט זיך דער ענין דרייפֿוס פֿאַרענדיקט מיט דעם ענין מילעראַן. אין דעם ערשטן בין איך געווען מיט זשאָרעסן, אין דעם צווייטן—קעגן אים. נאָך פֿריער, דעם

36 דעם 13טן יאַנואַר 1898.

14טן יוני (1899), האָט מיר זשאָרעס אין אַ שמועס געשטעלט די פּרינציפּיעלע פֿראַגע: „צי קען אַ סאָציאַליסט זיך באַטייליקן אין אַ בורזשואַזער רעגירונג?“—ווי באַקאַנט, איז נאָך אַזאַ פֿאַל אין דער געשיכטע פֿון סאָציאַליזם ניט געווען. איך האָב אים דערויף געענטפֿערט: „דאָס איז פּאָליטיש און מאָראַליש אוממעגלעך, מען קען ניט אין איין און דער זעלביקער צײַט זײַן אַ געטרײַער הונט פֿון בורזשואַזן הויז און וועלן דאָס הויז חרובֿ מאַכן“... לויט מײַן פֿאָרשלאָג האָט זשאָרעס דורכגעפֿירט אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַנקעטע בײַ די פֿירער פֿון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פֿאַרשיידענע לענדער, וועמען ער האָט געשטעלט צוויי פֿראַגן: 1) ווי האָבן זיך באַדאַרפֿט די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן פֿאַרהאַלטן אין דעם ענין דרייפֿוס? 2) ווי דאַרף זײַן די שטעלונג פֿונעם אינטערנאַציאָנאַל צום אָנטייל פֿון די סאָציאַליסטן אין אַ בורזשואַזער רעגירונג? די אַנקעטע איז צוגעשיקט געוואָרן צו בעבעלן, ליבקנעכטן, פּלעכאַנאָוון, לאַוראָוון, הײַנד-מאַנען, וואַנדערוועלדען, קאַוטסקין, טוראַטין, טשערנאָוון א"אַ. אין דער פֿראַגע פֿון דער שטעלונג צום דרייפֿוס-פּראָצעס האָבן זיך אַלע פֿירער געשטעלט אויפֿן שטאַנדפּונקט פֿון זשאָרעסן און געענטפֿערט מיט „יאָ“—אויסער ווילהעלם ליבקנעכטן, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דער גאַנצער ענין גייט די סאָציאַליסטן גאָר ניט אָן; אויף דער צווייטער פֿראַגע האָבן אַלע, חוץ וואַנדערוועלדען און... טשערנאָוון, געענטפֿערט מיט אַ „ניין“.

דער מיליעראַניזם האָט אַרײַנגעבראַכט אַ מהומה און אַ שפּאַלטונג אין די רייען פֿון די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן, און ניט נאָר פֿון די פֿראַנצויזישע. די מאַרקסיסטישע גרופּע פֿון געד און לאַפֿאַרג, ווי אויך די בלאַנקיסטן מיט וואַיאַן בראש, זײַנען שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן מיליעראַן—זשאָרעס. ניט געקוקט אויף מײַן אָפּאָזיציע צום מיניס-טעריאַליזם, האָב איך באַקומען פֿון די זשאָרעסיסטן—דורכט מיר דורך בריאַנען—אַ מאַנדאַט צום „פֿאַראייניקטן“ קאָנגרעס פֿון די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטן (פּאַריז 1899). דער קאָנ-גרעס, וואָס איז געווען זייער אַ שטורעמדיקער און ווו ס'איז אַ פּאָר מאָל אַפֿילו דער-גאַנגען ביז צו קלעפּ ממש, האָט זיך שיר ניט געשפּאָלטן. סוף כּל סוף איז געשאַפֿן געוואָרן אַ פֿאַראייניקונג, וואָס איז אָבער געווען מער אַ פֿאָרמעלע און האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס האָב איך געשטימט קעגן דעם אָנטייל פֿון די סאָציאַליסטן אין דער בורזשואַזער רעגירונג. זשאָרעס, ווי אַ קלוגער מאַן און דזשענטל-מען, האָט מיר קיינמאָל ניט פֿאָרגעוואָרפֿן, וואָס איך, קומענדיק ווי אַ זשאָרעסיסט, האָב אָפֿן געשטימט קעגן זײַן טאַקטיק. אָבער די אַנדערע זשאָרעסיסטן האָבן מיר דאָס ניט געקענט מוחל זײַן.

צו יענער צײַט בין איך שוין ענדגילטיק געשטאַנען אויפֿן מאַרקסיסטישן באָדן. די דאָזיקע חילוקי-דעות אין דער פֿראַגע, וואָס האָבן צעטיילט די פֿראַנצויזישע סאָציאַ-ליסטן אין צוויי מחנות, האָט מיך געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן די זשאָרעסיסטן און איך בין אַריבער צו געדס גרופּע, הגם איך בין פּערזענלעך געווען זייער באַפֿרײַנדעט מיט זשאָ-רעסן און האָב אים הויך געשעצט ווי אַ גײַסטרײַכן מענטשן, זייער אַ געבילדעטן און אַ זעלטענע מאָראַלישע פּערזענלעכקייט. מײַן באַציִונג צו אים האָב איך אויסגעדריקט אין מײַן בוך „זשאַן זשאָרעס—דער מענטש און דענקער“ (אַרויס אין פֿראַנצויזיש אין פּאַריז 1915). איך האָב דאָרט באַוויזן, אַז זשאָרעס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן זעלטענער ערלעכקייט און לײַדנשאַפֿטלעכער שטרעבונג צום אמת, אַז ער איז געווען ווײַט צו זײַן אַ וווּלגאַרער אָפּאָרטוניסט. זשאָרעס האָט אין זיך געהאַט אַ סך רעוואָלו-ציאָנערן ברען; אַזאַ איז ער געווען אין זײַן היסטאָרישער אָפּשאַצונג פֿון דער ראָלע פֿון די יאַקאָבינער בעת דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע (אין זײַן באַקאַנטער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציע), אַזאַ אויך אין דער פֿראַגע פֿון קאַמף קעגן מלחמה. עס איז באַקאַנט זײַן אַפֿאָריזם אין פֿאַרבינדונג מיט דער פֿראַגע פֿון אַלגעמיינעם שטרײַק, אַז „מען קען ניט מאַכן קיין אייערקוכן ניט צעקלאַפּנדיק די אייער“. אָבער זײַן גאַנצער סאָציאַליזם איז געקומען ניט פֿון מאַטעריאַליסטישער געשיכטס-אויפֿפֿאַסונג, נאָר פֿון אַן

אידעאַליסטישן מקור. גוסטאַוו הערווע, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען דער לינקער שבלינקע צווישן די סאָציאַליסטן, האָט אַמאָל עפנטלעך געזאָגט, אַז „אים איז אַלץ איינס, צי וועט ער זײַן אַ פראַנצויז אָדער אַ פּרײַס"; זשאָרעס האָט באַקעמפט אַזאַ וווּלגאַרע שטעלונג, אָבער מיט אַלע כּוחות געקעמפט קעגן מלחמה און אָנגעהויבן אָנערקענען ווי אַ קאָמפּמיגל דעם אַלגעמיינעם שטרײַק.

וואָס איז נוגע מײַן פערזענלעכער באַציִונג צום ענין דרייפוס, מוז איך זאָגן דעם אמת, אַז איך האָב ניט גלײַך תּופס געווען דעם פּאָליטישן באַטײַט פון דעם ענין, אָבער באַלד האָב איך דערפילט, וואָס עס שטעקט הינטער דעם ענין, און בין געוואָרן אַ הייסער „דרייפוסאַר". מײַנע געפילן האָב איך איין מאָל דערקלערט זשאָרעסן מיט אַזאַ אַנעקדאָט: אַ רײַכער ייִד אין אַדעס האָט גענומען פאַר אַן איידעם אַ ישיבה-בחור אַן עילוי; איין מאָל קומט ער צום איידעם אַרײַן שבת און דערזעט, אַז יענער רייכערט אַ פּאַפּיראָס; דער איידעם האָט זיך שטאַרק צעמישט און אין התנצלות געזאָגט: „אוי, איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז איך בין אַ ייִד" (אָנשטאָט: „אַז הײַנט איז שבת"). אַזוי איז אויך מיט מיר: איך האָב גאָר געהאַט פאַרגעסן, אַז איך בין אַ ייִד, האָט מיר די מעשה דרייפוס דערמאָנט; ווײַל איך אויך מײַן טייל ייִדישע צרות, וואָס מיר קומט...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן נאַטירלעך מער אין אַ משל. אין יענע יאָרן און שפּעטער פלעג איך גאַנץ אָפט אַרויסטרעטן מיט רעדעס און רעפעראַטן צווישן די ייִדישע אַרבע-טער, דער עיקר עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, גאַליציע, רומעניע. אַ טייל פון זיי האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַכט די עמיגראַציע אין לאָנדאָן און ניו-יאָרק און זײַנען געווען אַנאַר-כיסטיש געשטימט. מיר איז אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן און פירן אַ קאַמף קעגן די דאָזיקע אַנאַרכיסטישע שטימונגען. די פאַרזאַמלונגען פלעגן געפירט ווערן אין ייִדיש, אָבער היות ווי עפנטלעך האָב איך ייִדיש גערעדט זייער שלעכט, האָב איך זיך געשאַפן מײַנעם אַן אייגענעם „זשאַרגאָן", אָפּהאַקנדיק די הענט און פיס בײַ דער דײַטשער שפּראַך. בעת די וואַלן אין פּאַרלאַמענט אין 1902 האָב איך פאָרגעשלאָגן מײַן פּאַרטיי אַרויסצולאָזן אַן אויפרוף אין ייִדיש צו די וויילער פון IVטן באַצירק אין פּאַריז, ווו עס וווינען אַ סך ייִדן, זיי זאָלן שטימען פאַר אונדזער געדיסטישן קאַנדידאַט. ווי ווײַט איך ווייס, איז דאָס געווען דער ערשטער ייִדישער וואַל-אויפרוף אין פּאַריז.

צו יענער צײַט בין איך שוין געווען נאַטוראַליזירט אַלס פראַנצויז. געהאָלפן האָט מיר דערבײַ, לויט דער השתּדלות פון זשאָרעסן, דער מיניסטער מילעראַן, הגם איך האָב אים באַקעמפט. ווען מען פלעגט מיר דאָס אין אַ פּאָלעמיק אויפוואַרפן, פלעג איך ענט-פערן: „דאָס איז געווען דער איינציקער „סאָציאַליסטישער" אַקט פון מילעראַנען". וויקטאָר אַדלער, מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפן אויפן קאָנגרעס פון דער איטאַליע-נישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פלאָרענץ אין 1903 (ווו איך האָב פאַרטראָטן די פראַנצויזישע פּאַרטיי און ער די עסטרײַכישע), האָט אין אַ וויץ געזאָגט: „ראַפּאָפּאָרט איז, צווישן אַנדערע זאַכן, אויך אַ פראַנצויז"... בריאַן, וואָס איז אַרויס פון אונדזערע סאָציאַליסטישע רייען, האָט אונדז שפּעטער פאַרראָטן און איז אַרײַן אין קלעמאַנסאָס רעגירונג (1906), האָט מיר איין מאָל געזאָגט: „איך האָב אײַך נאַטוראַליזירט (אַגבֿ, איז עס גאָר ניט ריכטיק), און איר זײַט מיר גאָר ניט דאַנקבאַר, ווילט מיך ניט קענען". דערויף האָב איך אים געענטפערט: „איך באַצאָל דערפאַר פראַנקרײַך דערמיט, וואָס איך בלײַב געטרײַ דעם סאָציאַליזם".

* * *

ווי איז מײַן באַציִונג צו ייִדן און ייִדנטום? איך מוז אָפן זאָגן, אַז איך בין שטענדיק געווען און פאַרבליבן אַן אינטערנאַציאָנאַליסט (אַמאָל בין איך געווען ווי אַלע — אַ „קאָסמאָפּאָליט"). אין די יונגע יאָרן, אין דער שווייץ, האָב איך זיך ניט ווייניק וועגן דעם אַרומגעריסן מיט חיים זשיטלאָווסקין. איך האַלט, אַז ייִדן זײַנען טאָפּלטע

פּראָלעטאַריער: פּראָלעטאַריער עקאָנאָמישע,—ווייל 90 פּראָצענט יידן זיינען אָרעם, פאַרדינען קוים אויף ברויט, און פּראָלעטאַריער נאַציאָנאַלע, — ווייל זיי האָבן ניט קיין אייגענע מלוכה. פּראָלעטאַריער זיינען קעגן פּריוואַטן אייגנטום, ווייל זיי האָבן אים ניט; יידן האָבן ניט קיין נאַציאָנאַלן אייגנטום — און דערפאַר בין איך קעגן נאַציאָנאַליזם, בכלל און אויך ביי יידן. די גרויסע ליידן האָבן דעם יידן געמאַכט פאַר אַ מענטשן. אָבער עס וואָלט געווען נאַריש צו זאָגן, אַז יידן זיינען קיין נאַציע ניט. פאַרקערט, זיי זיינען שוין גראָד אַ נאַציע, אָבער ניט אַזאַ, ווי אַלע אַנדערע. אַן אַלטע און מיוחס־דיקע נאַציע, אַ גייסטיק־אַריסטאָקראַטיש פאָלק. און פּונקט ווי דער המון־עם האָט ניט ליב קיין אינטעליגענטן, אַזוי האָבן די המונים פון די אַרומיקע פעלקער ניט ליב דעם יידן, וואָס איז אַ גייסטיק פאָלק. די מאָדערנע מלוכות האָבן אויפגעבויט זייער עקסיסטענץ מיט שווערד און מלחמות. וואָלטן יידן דאָס געקענט, וואָלטן זיי אויך אַזוי געטאָן. אָבער זיי האָבן עס ניט געקענט און ניט געטאָן און זיינען פאַרבליבן אַ פאָלק פון שטאַרקן אינטעלעקט. און די שנאה צו יידן נעמט זיך דער עיקר פון דעם ווידעראַנאַנד צווישן דער וועלט פון מאַטעריע און דער וועלט פון גייסט און אינטעלעקט.

איך האָב אָפּגעלעבט כמעט מיין גאַנץ באַוווּסטזיניק לעבן אין פראַנקרייך. דאָ איז מיר געווען לייכטער קולטורעל צו אַסימילירן זיך, ווי ווו ניט איז אַנדערש. איך האָב אַמאָל געזאָגט אין האַלב שפּאַס צום באַרימטן פראַנצויזישן געלערנטן און דענקער סאָרעל, מיט וועמען מיר פלעגן זיך צענדליגער יאָרן נאָכאַנאַנד טרעפן אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק און זיינען געווען באַפריינדעט, אַז יידן זיינען אייגנטלעך אומגליקלעכע פראַנצויזן און די פראַנצויזן זיינען גליקלעכע יידן; צווישן פראַנצויזן און יידן איז אין אַ סך פּרטים פאַראַן אַ גייסטיקע ענלעכקייט, ביידע זיינען זיי גייסטרייך און קלוג, מער ניט איינע האָט דער גליק צוגעשפּילט, די צווייטע ניט.

צי פיל איך זיך אַלס ייד? איך האָב אַמאָל אַליין אויף זיך געזאָגט: „איך רעדצען שפּראַכן—און אַלע אין י י ד י ש". איך האָב כמעט 50 יאָר אָפּגעלעבט אין אויסלאַנד, דער עיקר אין פראַנקרייך; 53 יאָר האָב איך אָפּגעגעבן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פון זיי אַ 37—38 יאָר אין פּאַריז. איך האָב געאַרבעט תחילת צווישן די רוסישע אינטעליגענטן, דערנאָך צווישן די פראַנצויזישע פּראָלעטאַריער, אַ ביסל אויך צווישן די יידישע אַרבעטער אין פּאַריז, גערעדט צען שפּראַכן, אָבער אַלע—מיט אַ י י ד י ש ן אַ ק צ ע נ ט.

* * *

איך פאַרבינדרונג מיט די מעמוארן פון שאַרל ראַפּאָפּאָרט געפינען מיר פאַר נוציק איבערצודרוקן דאָ די וויכטיקע אויסצוגן, ספּעציעל וועגן דעם ווילנער קרייזל אין די 80ער יאָרן:

## ל. אַקסעלראָד - אָרטאָדאָקס
## „פון מיינע זכרונות" *

„איך בין געקומען קיין ווילנע אין אויגוסט 1886. געווען בין איך דעמאָלט 18 יאָר אַלט, אָבער לויט דעם אַלגעמיינעם גייסטיקן ניוואָ פון דער יוגנט אין יענער צייט האָב איך זיך גערעכנט פאַר אַן „אַנטוויקלטער מיידל", ווי מ'פלעגט דעמאָלט זאָגן, מיט אַ געוויסער רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט. קיין ווילנע בין איך געקומען מיט אַ רעקאָמענדאַציע - בריוו פון דער פּעטערבורגער נאַראָדאָוואָלישער גרופּע, אַדרעסירט צו איסאַק דעמבאָ און אַנטאָן גנאַטאָווסקי, די פירער פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע... אַ נ ט אָ ן ג נ אַ ט אָ ו ו ס ק י, לויט די יאָרן עלטער פון די אַנדערע און מיט מער אויטאָ-

* אָפּגעדרוקט אין Каторга и Ссылка ב' 63 (1930), ז' 22 א״ו.

ריטעט, אַ יונגערמאַן פֿון אַ יאָר 25, איז געווען אַ טיפּישער פּראָפֿעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. איסאַק דעמבאָ, אַ יונגערמאַן פֿון 23 יאָר, אַ הויכער און שלאַנקער, מ׳קען ניט זאָגן אַ שיינער, אָבער אין אים איז געווען אַ זעלטענע אײַנגעבוירענע איידלקייט... אַ מענטש פֿון מיטעלן שכל און מיטעלע פֿעיִקייטן, איז ער געווען בלבֿ ונפֿש איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, גרייט אויף די גרעסטע סכּנות".

„אַן אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט איז געווען לעוו יאָגיכעס (טישקאָ), אַ יונגערמאַן פֿון 19 יאָר. ער האָט געשטאַמט פֿון זייער אַ קולטורעלער און רײַכער ייִדישער בורזשואַזער פֿאַמיליע. זײַן מוטער איז געווען זייער מוזיקאַליש און—ווי יאָגיכעס און די אַנדערע האָבן דערציילט — האָט זי אויסגעצייכנט געשפּילט אויפֿן קלאַוויר בעטהאָווען און באַך ... נעמענדיק אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פֿון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע, איז יאָגיכעס אין דער זעלביקער צײַט געשטאַנען פֿון איר מן הצד, איז מיט קיינעם פּערזענלעך ניט געווען באַפֿרײַנדעט און האָט אויף די חבֿרים געקוקט ווי פֿון אויבן אַראָפּ, און דערפֿאַר האָט מען אים בײַ אונדז גערופֿן „יופּיטער". פֿון דער נאַטור אויס ראַפֿינירט, אַ קלוגער, מיט שטאַרקע באָאַבאַכטונגס-פֿעיִקייטן, אַ מבֿין אויף מענטשן, דערצו אַ גוטער רעדנער און מיט אַ טאַלאַנט פֿון אַן אָרגאַניזאַטאָר—דאָס איז די כאַראַקטעריסטיק פֿון יאָגיכעס׳ פּערזענלעכקייט. אַ לײַדנשאַפֿטלעכער קאָנספּיראַטאָר, האָט ער ליב געהאַט די ראָמאַנטיק פֿון סודות און קאָנספּיראַציע לשם קאָנספּיראַציע". „עס האָט זיך אויסגעטיילט אויך טימאָפֿעי קאָפּעלזאָן, איצט אַן אָנגעזעענער קאָמוניסט.[1] ער האָט געלעבט פֿאָנעוועזש און געלערנט דאָרט אין דער רעאַלשול, ווו ער האָט געפֿירט אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע און איז געווען די פּערזאָן, וואָס האָט פֿאַרבונדן די ווילנער אָרגאַניזאַציע מיט פֿאָנעוועזש: ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 18". „צווישן דער ווילנער יוגנט, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער אָרגאַניזאַציע, זײַנען אויך געווען דער גימנאַזיסט ראַפּאָפּאָרט, די תּלמידים פֿון לערער-אינסטיטוט גאָזשאַנסקי און בלומקין און די תּלמידים פֿון דער רעאַלשול יעפֿים גראַץ און איסאַי אײַזנשטאַט."[2]

„אַ באַזונדער טראַגישער גורל איז אויסגעפֿאַלן אויף גראַצן. גראַץ איז געווען אַ טאַלאַנטפֿולער יונגערמאַן, מיט גלענצנדע טעאָרעטישע פֿעיִקייטן און אויך—ווי מ׳האָט דעמאָלט געמיינט—מיט אַ דרייסטן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט. אין 1887 איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין יאַראָסלאַוול, אין דעם דעמידאָווער יורידישן ליציי, איז אין גיכן דאָרט אַרעסטירט געוואָרן און בײַם פֿאַרהער האָט ער קענטיק אייניקע חבֿרים אַרויסגעגעבן. דערפֿאַר האָט מען אים אויסגעשלאָסן פֿון די רעוואָלוציאָנערע רייען און זײַן כּלה האָט אים פֿאַרלאָזן. ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין בערלין, ווו ער איז אַרײַן אין אוניווערסיטעט. אַ פֿאַרביטערטער, האָט ער אָנגעשריבן אַ צוויי-דרײַ אַרטיקלען אינעם רעאַקציאָנערן „ווילענסקי וועסטניק" און אין אַ געוויסער צײַט אַרום איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד".[3]

„עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן אסתּר גאָרדאָן (וואָס מ׳האָט זי אין אונדזער קרײַז גערופֿן „יעלענאַ"),[4] אַ יונג שיין מיידל פֿון אַ יאָר 21, זייער אַן ענערגישע און

---

1 לויט ווי טימאָפֿעי קאָפּעלזאָן דערציילט אַליין אין זײַנע זכרונות, איז ער פֿון פֿאָנעוועזש געקומען קיין ווילנע ערשט אין יוני 1887, אַזוי אַז קיין גרויסע ראָלע האָט ער צו יענער צײַט ניט געקענט שפּילן. זע דעם ז״ב Революционное движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 65—66. קאָפּעלזאָן איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן אין מאָסקווע.

2 דאָס איז אַ טעות: ביידע זײַנען געווען תּלמידים ניט פֿון דער רעאַלשול, נאָר פֿון גימנאַזיע.

3 קאָפּעלזאָן אין זײַנע דערמאָנטע זכרונות (דאָרטן, ז׳ 67) דערציילט וועגן גראַצן, אַז ער האָט זיך נאָך דעם פֿאַל מיט זײַן פֿאַרראַט געשמדט.

קאָפּעלזאָן דערמאָנט צווישן די מיטגלידער פֿון דער גרופּע, חוץ די אויבן אָנגעוויזענע (גאָזשאַנסקי, בלומקין, גראַץ און אײַזנשטאַט), אויך אײַנעם כאַיקין און איסאַק בייסהילעל.

4 ש. ראַפּאָפּאָרט שרײַבט וועגן צוויי שוועסטער גאָרדאָן—סאָניע און יעווע (שפּעטער פּיליפּ קראַנצס פֿרוי); אפֿשר איז דאָ אַ טעות: יעווע-יעלענאַ? —

איבערגעגעבענע דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. זי איז געווען די בעל־הביתטע פֿון דער קאָנספּיראַטיווער דירה, ריכטיקער געזאָגט — פֿון אַ צימער, וואָס זי האָט געדונגען בײַ אַ ייִדישער שנײַדערקע פֿון וואַרשע, וואָס איר פֿאַמיליע־נאָמען איז אויך געווען גאָרדאָן. פֿון די פֿרויען האָט זיך אויך אויסגעטיילט מיט איר אייגנאַרטיקייט אַ נ י ו ט אַ ל ײ ב אָ־ ו י ט ש. אַ הויכע, שלאַנקע, ברוינע, זייער אַ שיינע, האָט זי אויסגעזען ווי אַ ציגײַנערין... די דאָזיקע לײַכטזיניקע קאָקעטישע פֿרוי איז אין דער זעלביקער צײַט געווען מיטן גאַנצן האַרצן איבערגעגעבן אירע חברים און דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און באַוויזן אַ גרענצלאָזע דרייסטקייט".

„פֿון די, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט און געהאָלפֿן דער ווילנער אָרגאַניזאַציע, פֿאַרדינט דערמאָנט צו ווערן איינער ס ט ר אַ ש ו נ ס ק י. דאָס איז געווען אַ ייִד פֿון אַ יאָר 40, אויף וועלכן מיר האָבן נאַטירלעך געקוקט, ווי אויף אַן עלטערן מענטשן. איך באַטאָן, אַז ער איז געווען אַ י י ִ ד, מחמת אין זײַן פּריוואַטן לעבן איז סטראַשונסקי פֿאַרבליבן געטרײַ די ייִדישע טראַדיציעס. אָן שום פֿאָרמעלער בילדונג, אָן אַ פֿאַך, האָט ער, ווי מיר געדענקט זיך, געהאַלטן אַ קליין קרעמל, פֿון וועלכער ער האָט קוים געצויגן חיונה. סטראַשונסקי האָט אָן ספֿק געהאַט אַ גוטן קאָפּ, אַ קריטישן אָריגינעלן שטייגער דענקען, איז געווען אַן איבערצײַגטער אַטעיִסט, אַן אַפּיקורס, און האָט מיטן גאַנצן האַרצן פֿײַנט געהאַט גאָט און דעם קיסר. ער האָט ליב געהאַט אָן אַ סוף צו שמועסן, אַזוי צו זאָגן, אויף פֿילאָסאָפֿישע טעמעס, פּראָבלעמעס פֿון וועלטבאַנעם און איז תּמיד גרייט געווען אונטערצוהעלפֿן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, און פֿלעגט טאַקע צוהעלפֿן, און דערפֿאַר האָט אים די פּאָליציי געררודפֿט. נאָך פֿאַר מײַן קומען קיין ווילנע איז ער געזעסן— איך געדענק שוין ניט ווי לאַנג — אין תּפֿיסה, און ווי מ'האָט מיר דערציילט, האָט ער זיך דערבײַ פֿאַרהאַלטן מיט גרויס ווערדע און אויך מיט גרויס הומאָר".

„די טעראָריסטן־נאַראָדניקעס האָבן גענומען אָרגאַניזירן (אין ווילנע) אַרבעטער־קרײַזלעך. די דאָזיקע באַוועגונג, וואָס איז אויפֿגעקומען אין פּראָצעס פֿון צעפֿאַל פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", האָט אַלץ מער און מער געפֿונען איר טעאָרעטישע באַגרינדונג אין פּלעכאַנאָווס ווערק „סאָציאַליזם און דער פּאָליטישער קאַמף" און „אונדזערע חילוקי־דעות". די דאָזיקע ווערק האָבן זיך באַוויזן אין רוסלאַנד אין 1884 און תּחילת האָבן זיי אַרויסגערופֿן אַ געוואַלדיקע אויפֿרעגונג אין דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן לאַגער. מען האָט אויף זיי געקוקט, ווי אויף אַ פֿאַראַט קעגן דער רעוואָלוציע. ווי איך ווייס אויף זיכער, האָט מען אין אייניקע ערטער דאָס בוך „אונדזערע חילוקי־דעות" („Наши разногласия") פּשוט פֿאַרברענט... פּאַראַלעל מיט דעם איז אָבער אָנגעגאַנגען די אַרבעט אין די אַרבעטער־קרײַזלעך. אייניקע מיטגלידער פֿון דער ווילנער גרופּע האָבן אָרגאַניזירט קרײַזלעך צווישן די אַרבעטער — קאַמאַשן־מאַכערס, שלאָסערס, זעצערס און זאָקן־מאַכערינס. די אַרבעטער־סבֿיבֿה, אין וועלכער מען האָט געפֿירט די פּראָפּאַגאַנדע, האָט אונטערגעזאָגט אַן אַנדער אינהאַלט פֿון די פּראָפּאַגאַנדע־אידעען: אויב אין די אינטעליגענטישע קרײַזלעך האָט מען געפֿירט שמועסן וועגן דער „קריטיש דענקענדיקער פּערזענלעכקייט", וועגן דעם, אַז דער אינטעליגענט מוז מאָראַליש באַצאָלן דעם חובֿ פֿאַר דער קולטור, וואָס ער געניסט, וועגן דער נייטיקייט צו גיין אויף קרבנות, — האָט מען אין די אַרבעטער־קרײַזלעך, איבער דעם ספּעציפֿישן כאַראַקטער פֿון דער סבֿיבֿה, געמוזט ריידן גאָר וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿונעם אַרבעטער־קלאַס און דערציילן זיי, אַז די אַרבעטער־אינטערעסן דיקטירן די נייטיקייט פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף... פֿונדעסטוועגן זײַנען נאָך אין יענער תּקופֿה קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין ווילנע ניט געווען, חוץ קאָפּעלזאָנען, וואָס איז אַלץ מער און מער געוואָרן אַן אָנהענגער פֿון „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ"... איך פּערזענלעך, הגם איך בין נאָך געווען אַ שאַרפֿע געגנערין פֿון דער גרופּע

„אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" און באַזונדערס פון פלעכאַנאָוון [5], האָב געהאַט אַ סך אַ גרעסערע באַפרידיקונג פון פירן די פּראָפּאַגאַנדע צווישן דעם קליינעם קרײַזל זאָקן־מאַכערינס, וואָס יאָגיכעס האָט אָרגאַניזירט, ווי פון לייענען און קאָמענטירן דעם ערשטן באַנד „קאַפּיטאַל" מיט די אינטעליגענטן".

„די פּראָפּאַגאַנדע (צווישן די אַרבעטער) איז אויסגעקומען צו פירן אויף אַ שפּראַך, וואָס איז געווען אַ מין געמיש פון רוסיש און יידיש, אָבער מער יידיש ווי רוסיש. מיר זײַנען אַלע געווען זייער ווײַט פון נאַציאָנאַליזם; פאַרקערט, אַלע זײַנען מיר געווען פאַרברענטע און איבערצײַגטע קאָסמאָפּאָליטן, ווי מען פלעגט דעמאָלט זאָגן. פונדעסטוועגן, ווי איך פאַרשטיי דאָס איצט, איז דער פאַקט אַליין, וואָס מען האָט געפירט די אַרבעט אין דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, דאָס, וואָס מען האָט זיך געמוזט צופּאַסן אין דער פּראָפּאַגאַנדע צו די ספּעציפישע תּנאים פון דער יידישער רעכטלאָזיקייט און צו די סאָציאַל־פּאָליטישע תּנאים פון די יידישע אַרבעטער — דאָס אַלץ צוזאַמען איז, קעגן אונדזערע קאָסמאָפּאָליטישע איבערצײַגונגען, געוואָרן דער עמבריאָן פון „בונד", וואָס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט".

„נאָך דעם, ווי די אָרגאַניזאַציע אין ווילנע איז, לערך אין מערץ 1887, פון דער פּאָליציי ליקווידירט געוואָרן, האָבן די איבערגעבליבענע מיטגלידער פון דעם ראַדיקאַלן קרײַזל, דער עיקר יאָגיכעס און קאָפּעלזאָן, וואָס איז געקומען פון פּאָנעוועזש, ווײַטער אָנגעפירט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, וואָס איז דאָך ניט אונטערגעגאַנגען. פון איין זײַט האָט זיך ווײַטער געפירט די פּראָפּאַגאַנדע אין די אַרבעטער־קרײַזלעך, און פון דער צווייטער האָבן זיך ווײַטער באַקומען די טראַנספּאָרטן פון אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס מען פלעגט ווי פריער פאַרטיילן און פונאַנדערשיקן צו די אָרגאַניזאַציעס און ד' אַנדערע שטעט. פונדעסטוועגן, נאָך דעם דורכפאַל האָט זיך אַלץ מער און מער גענומען פילן דער צעפאַל פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". איר פולע ליקווידאַציע איז געווען דער ניט געראָטענער געפּלאַנטער אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער III (דעם 1טן מערץ 1887)".

„מײַנע נאָענטסטע חברים, און דער עיקר יאָגיכעס, האָבן מיר שטאַרק גענומען צורעדן, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן, אויב מיגלעך קיין אויסלאַנד, מאָטיווירנדיק דערמיט, אַז ווי באַלד די פּאָליציי האָט זיך שוין דערקליבן צו מיר, וועט זי שוין געוויס דערגיין אויך וועגן מײַן טעטיקייט... פאַרבינדונגען מיט די קאָנטראַבאַנדיסטן אין ווערזשבאָלאָווע האָט געהאַט יאָגיכעס, און איך האָב זיך מיט זיי באַנוצט. אין דער אייגענער צײַט האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין אויסלאַנד שטודירן ש. ראַפּאָפּאָרט, וואָס האָט באַקומען אַן אויסלענדישן פּאַס. סעפּטעמבער 1887 זײַנען מיר ביידע אין איינעם אַוועקגעפאָרן. איך דערמאָן זיך, אַז (אויפן וועג) האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין קאָוונע, ווו איך האָב אַ מעת־לעת פאַרבראַכט אין אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר, וואָס מאָטניק (גלעב) און לעווינסאָן (קאָסאָווסקי) האָבן געהאַלטן. שפּעטער זײַנען זיי ביידע געוואָרן פירער פון „בונד" און קאָסאָווסקי אויך זײַן טעאָרעטיקער".



---

5 פג"ל די באַהויפּטונג פון קאָפּעלזאָנען (דאָרטן, ז' 67), אַז ליובע אַקסעלראָד איז דעמאָלט שוין געווען אַ „פאַרברענטע אָנהענגערין פון מאַרקסיזם", וואָס ווײַזט אויס צו זײַן אַ טעות.

אין די זכרונות וועגן דער גרופּע רעוואָלוציאָנערע טוער אין ווילנע אין די יאָרן 1887—1890 פֿון איינעם פֿון די ווילנער פּיאָנערן, צמח קאָפּעלזאָן („טימאָפֿעי"), ווערט אויך דערמאָנט שאַרל ראַפּאָפּאָרט. קאָפּעלזאָן האָט זיך באַקענט מיט ראַפּאָפּאָרטן אין 1886, זייענדיק נאָך אַ תּלמיד פֿון דער רעאַלשול אין פּאָנעוועזש, און אין 1887 האָט ער זיך מיט אים אָפּט געטראָפֿן אין ווילנע. אין די דאָזיקע זכרונות, ווו עס ווערן באַשריבן יאָגיכעס, ליובע אַקסעלראָד־אָרטאָדאָקס, נאָזשאַנסקי־לנו, דער שפּעטער צוגעקומענער אַלעקסאַנדער קרעמער און איינציקע אַנדערע קלענערע טוערס, ווערט אויך געגעבן אַ כאַראַקטעריסטיק פֿון שאַרל ראַפּאָפּאָרטן, וואָס מיר דרוקן זי דאָ איבער, אין פֿאַרבינדונג מיט די אויבן געבראַכטע זכרונות וועגן ווילנע אין יענער תּקופֿה.

## צמח קאָפּעלזאָן („טימאָפֿעי")
## די ערשטע שפּראָצונגען*

„די שטאָט ווילנע איז דאַן געווען אַ וויכטיקער צענטער פֿון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, דער אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער III[1] האָט מען טעכניש צוגעגרייט אין ווילנע. ווילנער אינטעליגענטן און סטודענטן האָבן גענומען אין דעם אַטענטאַט אַ גרויסן אָנטייל". די פֿאָרשטייער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ אין ווילנע זײַנען דעמאָלט געווען ראַפּאָפּאָרט, ליובע אַקסעלראָד („אָרטאָדאָקס") און לעוו („ליאָווקע") יאָגיכעס. „חיים[2] ראַפּאָפּאָרט איז דאַן געווען אַ גוטמוטיקער בחור, ניט איבעריק ציכטיק געקליידט, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף זײַן ברייטן, ניט גאָר שיינעם געזיכט, אַ שאַרפֿער גמרא־קאָפּ, אַ וויצלינג. ער איז געווען זייער אַ גוטער חבֿר, האָט אויסגעהאָלפֿן יעדערן, ווער ס'האָט זיך נאָר געווענדט צו אים. ער פֿלעגט געבן אומזיסטע לעקציעס פֿאַר קינדער פֿון קלויזניקעס. ער איז דאַן געווען אַן אויסגעשפּראָכענער „נאַראָדאָוואָלעץ", אַן אָנהענגער פֿון מיכאַילאָווסקי". איך געדענק נאָך קלאָר ביז הײַנט, אַז מיר פֿלעגן פֿאַרברענגען גאַנצע זומער־אָוונטן אויף אַ דאַטשע אין רוזעלע, ווו עס פֿלעגן זיך צונויפֿקומען די אינטעליגענטן. די הויפּט־פֿאַרטיידיקער פֿון מיכאַילאָווסקיס לערע און פּראָגראַם פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זײַנען געווען ראַפּאָפּאָרט און זײַן נאָענטער פֿרײַנד, אַ פּעטערבורגער סטודענט יודעלעווסקי, זייער אַ פֿעיִקער, כּבֿוד־זוכיקער יונגערמאַן און אַ גוטער רעדנער... פֿון אונדזער זײַט פֿלעגן דאַן אַרויסטרעטן, די שוין גוט געבילדעטע אין דער מאַרקסיסטישער לערע ליובע אַקסעלראָד און... איך. מיר זײַנען געווען די מינאָריטעט".

„אין אויגוסט (1887) האָבן זיך געקליבן אַוועקפֿאָרן אין די אוניווערסיטעטן און קיין אויסלאַנד פֿיל חבֿרים: ראַפּאָפּאָרט, אײַזנשטאַט (שפּעטער „וויטאָלי", „יודין"), ליובע אַקסעלראָד, בייטהילעל (איסאַק; יונג פֿאַרשטאָרבן) און נאָך אַנדערע. מיר האָבן אַלע צו קיין שטרענגער אָרגאַניזירטער פּאַרטיי ניט געהערט. די אַלטע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז פֿאַרשוווּנדן, די פּאַרטיי „יונגע נאַראָדאָוואָלצעס", וועלכע האָט פֿאַרפֿאַרטיקט דעם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער III, איז געווען צעבראָכן, קיין סאָצ'־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און אַפֿילו איינצלנע גרופּן האָבן נאָך דאַן ניט עקסיסטירט. דעריבער פֿאָרן צעשיידן זיך האָבן מיר אַלע זיך אָרגאַניזירט אין אַ מין געזעלשאַפֿט מיט אַ סטאַטוט און פּראָגראַם, מיט פּאַרטיי־פֿליכטן. אין וואָס ס'איז באַשטאַנען די דאָזיקע פּראָגראַם און די גענויע צילן, געדענק איך בשום אופֿן ניט. מיר, אין ווילנע, האָבן פֿאַרגעסן אין דער גאַנצער געשיכטע און געטאָן אונדזער אָרטיקע אַרבעט... דאַן איז עס געווען אַ רעוואָלוציאָנערער טאַט, אַן אויסדרוק פֿון אונדזער רעוואָלוציאָנערער שטימונג און קעגנזײַטיקער פֿרײַנדשאַפֿט און חבֿרשאַפֿט".

* געדרוקט אין „אַרבעטער־לוח" 1922 (וואַרשע 1922, פֿאַרל' „די וועלט") ז' 49 א"וו.

1 דער ניטגעראָטענער אַטענטאַט פֿון 1טן מערץ 1887.

2 על־פּי טעות חיים אַנשטאָט חנן.

# מיט 50 יאָר צוריק

## פֿראַגמענטן פֿון זכרונות

## פֿון שמואל ראַבינאָוויטש

שמואל־מרדכי ראַבינאָוויטש, דער זון פֿון באַוווּסטן ייִדישן היסטאָריקער און פּיאָניער פֿון דער חובֿבֿי־ציון־באַוועגונג ש״פֿ״ר, איז געווען איינער פֿון די פּיאָניערן פֿון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין די 80ער יאָרן. קעגן אים איז באַגאַנגען געוואָרן אַ היסטאָרישע עוולה, און ביז די לעצטע יאָרן איז ער געווען אַזוי ווי פֿאַררוקט אין שאָטן; נאָך איצט אַפֿילו איז זײַן ראָלע פֿון אַ פּיאָניער ווייניק אויס־געפֿאָרשט. אַ גרינדער פֿונעם ערשטן רעוואָלוציאָנערן קרײַזל צווישן דער ייִדישער יוגנט אין וואַרשע אין מיטן די 80ער יאָרן, וואָס האָט געהאַט אַ השפּעה אויף אַ ריי שטעט אין ליטע, האָט ש. ראַבינאָוויטש פּונקט מיט 50 יאָר צוריק איבערגעזעצט, געבראַכט קיין רוסלאַנד און פֿאַרשפּרייט די ערשטע מאַרקסיסטישע בראָשור אין ייִדיש — ש. דיקשטיינס „פֿון וואָס איינער לעבט״, וואָס איז אַגבֿ געווען, לויט דער ריי נאָך, די דריטע סאָציאַליסטישע בראָשור בכלל אין ייִדיש.[1] אויך מיט 50 יאָר צוריק האָט ער געבראַכט פֿון אויסלאַנד אין ייִדישן תּחום דעם ערשטן גרויסן טראַנספּאָרט אומ־לעגאַלע ליטעראַטור און צווישן די בראָשורן און צײַטונגען אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן — אויך די פּאָר ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס פֿון לאָנדאָן און ניו־יאָרק, און אַליין פֿונאַנדערגעפֿירט זיי איבער די ייִדישע שטעט פֿון ליטע און פּוילן. בײַם צווייטן טראַנספּאָרט פֿון אַ״אַ ליטעראַטור איז ער אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשיקט אויף 10 יאָר אין ווײַטן סיביר. זײַן רעוואָלוציאָנערע קאַריערע האָט בכן אָנגעהאַלטן ניט לאַנג, און בעת ער האָט זיך נאָך סיביר אומגעקערט צוריק אין תּחום, קיין פּינסק, אין גאַנצן 32 יאָר אַלט, איז ער שוין געווען אַ מענטש פֿון גאָר אַן אַנדער תּקופֿה און אויך פֿיזיש אַן אָפּגעשוואַכטער: די סיבירער פֿאַרשיקונג האָט שטאַרקערע פֿון אים געבראָכן.

ש. ראַבינאָוויטש לעבט איצט אין דנעפּראָפּעטראָווסק (קאַטערינאָסלאַוו), אַ זקן פֿון איבער 70, אַ האַלב בלינדער, אָבער שטאַרק אין זײַן גײַסט און פֿול מיט די זכרונות וועגן יענער פּיאָניערן־תּקופֿה. בתשובֿה אויף אונדזער ווענדונג צו אים מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער אונדז צוגעשיקט זײַנע בלעטלעך זכרונות פֿון אַמאָליקע צײַטן, אָבער צום באַדויערן אין אַ פֿראַגמענטאַרישער פֿאָרם, אָפֿט אין דער פֿאָרם פֿון בריוו. אויפֿן סמך פֿון דעם צוגעשיקטן מאַטעריאַל פּרוּוון מיר דאָ רעסטאַוורירן אַ בילד פֿון אים, פֿון זײַנע אויפֿטרעטן, פֿון זײַן צײַט און קרײַז. מיר האָבן דערבײַ געזען צו באַנוצן זײַן אייגענעם טעקסט, אין געוויסע ערטער, איבערגעזעצט פֿון רוסיש זײַנע נאָטיצן, אַ מאָל צונויפֿגיסנדיק פּאַראַלעלע וואַריאַנטן בכדי צו פֿאַראייניטלעכן דעם סיפּורי־המעשׂה. מיר האָבן אויך אויסגענוצט די קנאַפּע ידיעות וועגן אים, וואָס האָבן נאָך דער רעוואָלוציע זיך באַוויזן אין דער ליטעראַטור, און געפּרוּווט דערבײַ פֿעסטשטעלן, וואָס איז אין זיי ריכטיק און וואָס ניט. אַזוי אַרום טראָגט דער אַרטיקל נאָר אין אַ געוויסער מאָס, הגם אין אַ גאַנץ היפּשער, אַן אויטאָביאָגראַפֿישן כאַראַקטער.

מיר האָבן באַקומען פֿון ש. ראַבינאָוויטשן אויך זײַנס אַ בילד און אַ בילד פֿון זײַנע חבֿרים, פּאָליטישע פֿאַרשיקטע, וואָס מיר רעפּראָדוצירן דאָ צום ערשטן מאָל.

די הערות אונטן געהערן אונדז.

א. טשעריקאָווער

---

[1] נאָך ווינטשעווסקיס „יהי אור״ 1884 און לאַוראָווס בראָשור 1887 (זע ווײַטער).

## דאָס ערשטע קרײַזל פֿון ייִדן־רעוואָלוציאָנערן אין וואַרשע, די ערשטע מאַרקסיסטישע בראָשור אין ייִדיש און דער אומלעגאַלער טראַנספּאָרט אין תּחום

### I

שמואל-מרדכי ראַבינאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין 1867, אין אָשמענע, ווילנער געגנט.[2] זײַן פֿאָטער, שאול-פּנחס ראַבינאָוויטש — שפּ״ר, דער שפּעטער באַוווּסטער העברעיִשער שרײַבער און געלערנטער און איינער פֿון די גרינדער פֿון דער חובֿבֿי-ציון-באַוועגונג, איז געווען אַ רבֿ'ס אַ זון פֿון שניפּישאָק אין ווילנע און געהאַט אַליין סמיכות אויף רבנות; צו יענער צײַט האָט ער „געקנעלט אין וואַרשע", געגעבן דאָ העברעיִשע לעקציעס און פֿלעגט אַראָפּקומען צו זײַן פֿאַמיליע אין אָשמענע נאָר אויף פּסח און סוכּות. לויט ווי ש. ראַבינאָוויטש דערציילט, איז דער אמתער פֿאַמיליע-נאָמען פֿון פֿאָטער געווען גאָר ר אַ ש ק ע ס און ערשט אין 1874 האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען ראַבינאָוויטש. אין 1875—1876 איז די מוטער מיטן 8 — 9יאָריקן שמואלן און אַ קלענערן ברודער אַריבערגעפֿאָרן צום פֿאָטער קיין וואַרשע און זיך דאָ באַזעצט.

אין 1878 איז שמואל אַרײַנגעטראָטן אינעם ערשטן קלאַס פֿון דער אַ״ג צווייטער רוסישער גימנאַזיע אין וואַרשע. אין זײַן קינדערשן זכּרון האָט זיך אײַנגעקריצט דאָס בילד פֿונעם וואַרשעווער פּאָגראָם, וועלכן ער האָט מיט זײַנע אויגן געזען. אָט וואָס ער אַליין דערציילט וועגן דעם:

„דעם 24סטן דעצעמבער 1881 האָט אין וואַרשע אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אויף ייִדן. איך און מײַן פֿאָטער זײַנען ספּעציעל נאָכגעגאַנגען נאָך דעם המון פּאָגראָמשטשיקעס און צוגעקוקט, וואָס עס קומט פֿאָר אַרום. איך, ווי אַ מענטש אין אַ „מונדיר", מיט גלאַנציקע קנעפּ פֿון אַ גימנאַזיסט, האָב זיך געפֿילט אין אַ געוויסער מאָס זיכער, אַז מיך וועט מען ניט טשעפּען. אָבער דעם פֿאָטער האָט אַ מיליטערישער פּאַטרול אויפֿן פֿערטן טאָג פֿון פּאָגראָם אַרעסטירט, בעת ער האָט געעפֿנט דעם לאָדן פֿון אַ פּאָגראָמירט הויז אויף סמאָטשע גאַס כּדי צו כאַפּן אַ קוק אינעווייניק. אין פּאָליצײַ-„אוטשאַסטאָק" האָט מען אים גוט געקענט — ער האָט ניט איין מאָל געגעבן אין יד אַרײַן, — און מ'האָט אים באַלד באַפֿרײַט. די רעזולטאַטן פֿון זײַנע אָבסערוואַציעס בעתן פּאָגראָם האָט דער פֿאָטער באַשריבן אין אַן אַרטיקל פֿאַרן „רוסקי יעווריי" אין פּעטערבורג, וווּ ער האָט דעמאָלט מיטגעאַרבעט. זײַנע קאָרעספּאָנדענציעס „פֿון די ברעגן פֿון ווײַסל", געחתמעט „פּעער" (די איניציאַלן פֿון זײַן נאָמען אין רוסיש),[3] און די אַנדערע אַרטיקלען זײַנע פֿלעג איך אָפּטראָגן צו פֿוס פֿון מילע גאַס צום באַן, בכדי דאָרט אָפּצוגעבן אין דער באַנפּאָסט ווי אַ „זאַקאַזנעם" בריוו פּונקט צום צוג צוועלף בײַ נאַכט, בכדי צו זען מיט מײַנע אויגן, אַז דער בריוו גייט אַוועק דירעקט מיטן פּאָסטוואַגאָן און צו האָבן די זיכערקייט, אַז ער ווערט ניט פּערלוסטרירט פֿון דער צענזור אין וואַרשע".

זײַן פֿאָטער, שפּ״ר, האָט אין יענער צײַט געהערט צו דער קליינער גרופּע, וואָס האָט געהיים אינפֿאָרמירט די אויסלענדישע וועלט וועגן די רדיפֿות אויף ייִדן אין רוס-לאַנד און דערמיט געהאָלפֿן דער באַקאַנטער פּראָטעסט-באַוועגונג קעגן דער רוסישער פּאָליטיק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין ענגלאַנד און זיך אַריבערגעוואָרפֿן אויך אין אַנדערע

---

2 בײַ ז ל מ ן ר י י ז ע ן אין לעקסיקאָן (ב׳ 4, ז׳ 43) איז ע״פּי טעות אָנגעוויזן זײַן געבוירן-אָרט גראָדנע.

3 אין "Русский Еврей„ פֿאַר די יאָרן 1882 — 1883 געדרוקט שפּ״רס באַקאַנטע קאָרעספּאָנדענציעס פֿון וואַרשע, געחתמעט Пэээ — וועגן פּאָגראָם, ייִדן-באַגרענעצונגען, עמיגראַציע וכדומה, אין אַ גאַנצער רײ נומערן.

לענדער.[4] „נאָך אין די 70ער יאָרן — דערציילט ש. ר. — האָט מען מײַן פֿאָטער שיער ניט צוגעצויגן צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר זײַן באַקאַנטשאַפֿט און פֿרײַנדשאַפֿטלעכע באַציִונגען מיט אהרן זונדעלעוויטשן, לייזער צוקערמאַנען און אַהרן ליבערמאַנען.[5] עפּעס אויך אַזוי ווי „צופֿעליק" איז מײַן לערער בײַם צוגרייטן מיך אין גימנאַזיע, אין 1878 אין וואַרשע, געוואָרן מײַן פֿאָטערס באַקאַנטער פֿון קאָוונע מאָיִסעי וואָלפֿאָוויטש (וואָסי-ליעוויטש) בראַמסאָן, שפּעטער, אין 1889, אַן אָנטיילנעמער אין דער „יאַקוטסקער געשיכטע".[6] פּונקט אַזוי „צופֿעליק" איז מײַן לערער אין גריכיש, אין דער וואַקאַציע-צײַט צווישן צווייטן און דריטן קלאַס, געווען האַנדעלסמאַן, וועלכער האָט געהערט צו די רעוואָלוציאָנערע קרײַזן; שפּעטער, אין 1884, האָט ער געשפּילט אַ פּראָוואָקאַטאָרישע ראָלע אינעם דורכפֿאַל פֿונעם ערשטן „פּראָלעטאַריאַט".[7] אין יענער צײַט האָט זיך פֿון דער אַרכאַנגעלסקער פֿאַרשיקונג אומגעקערט איינער גאָלובאָוו; ער פֿלעגט אַרײַנקומען צו אונדז און האָט געגעבן מײַן פֿאָטער איבערצוקוקן און רעדאַקטירן זײַן בוך „דער אינסטיטוט פֿון מקלט בײַ די אַמאָליקע ייִדן".[8] אין יאָר 1883, נאָך זײַן צוריקקומען פֿונעם קאַטאָוויצער צוזאַמענפֿאָר פֿון די חובֿבֿי-ציון און אין דער צײַט פֿון זײַן קאָרעס-פּאָנדענץ מיט משה מאָנטעפֿיאָרע אין לאָנדאָן, זײַנען בײַ מײַן פֿאָטער אַ פּאָר מאָל פֿאָרגעקומען רעוויזיעס. עס זײַנען בײַ אים געווען אויך עפּעס „חטאים" שוין דעמאָלט, ווען איך בין געווען אין דער עמיגראַציע און אין דער פֿאַרשיקונג, אָבער קיין פּרטים ווייס איך ניט. ער איז געווען אונטער אַ חשד בײַ דער מאַכט אויך דערפֿאַר, וואָס מײַן קלענערער ברודער, אויף צוויי יאָר ייִנגער פֿון מיר, איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דער פֿינפֿטער גימנאַזיע אין וואַרשע איבער אַ סיכסוך מיטן לערער פֿון ייִדישער רעליגיע

---

4 פֿ״גל אַרט׳ פֿון א. ט ש ע ר י ק אָ וו ע ר וועגן די פּאָגראָמען אין די 80ער יאָרן אין די „היסטאָרישע שריפֿטן", ב׳ 2, ז׳ 460. י ע ק ב ה ל ו י ל י פּ ש י ץ דערציילט אין זײַן „זכרון יעקב" (ב׳ 3, קאָוונע 1930), אַז שפּ״ר פֿלעגט באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל פֿאַר אויטלאַנד וועגן די ייִדן-רדיפֿות אין רוסלאַנד; ער האָט אויך געזאַמלט מאַטעריאַל פֿאַרן ראַבינער ד״ר י. רילף. זע ז׳ 64, 93 א״וו (אַ בריוו פֿון שפּ״רן); פֿ״גל אויך ש. ל. צ י ט ר אָ ן, דרײַ ליטעראַרישע דורות; ב׳ 4׳ ז׳ 121 א״וו, מיט גוזמאות, ווי אָפֿט בײַ דעם מחבר.

5 וועגן שפּ״רס שײַכות צו די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטן אין די 70ער יאָרן האָבן מיר אין ערגעץ קיין באַווײַז ניט געפֿונען; ש. ל. צ י ט ר אָ נ ס באַהויפּטונג וועגן דעם (אין „הד הזמן", נר׳ 1910, 261—264) ווערט אָפּגעפֿרעגט; אַזוי, למשל, שרײַבט אונדז בתּשובֿה אויף אונדזער אָנפֿרעג שפּ״רס איידעם ד״ר י ו ס ף מ ײַ ז ל (באַקאַנטער היסטאָריקער און געוו׳ גענעראַל-סעקרעטאַר פֿון דער בערלינער געמיינדע; איצט אין ארץ-ישׂראל): „אַזוי, ווי די מעשׂה ווערט דערציילט פֿון ציטראָנען, איז זי ניט אמת און אַפֿילו ניט קיין שמץ של אמת... אין אַרכיוו פֿון שפּ״ר איז וועגן זײַן „סאָציאַליזם" קיין רמז ולא חצי רמז ניט פֿאַראַן" (בריוו פֿון אויגוסט 1937). אויך אין אַרכיוו פֿון „האמת" האָט ד״ר בערקאָוויטש ניט געפֿונען קיין שום קאָרעספּאָנדענץ צווישן אַהרן ליבערמאַן און שפּ״ר. די באַהויפּטונג, וואָס ש. ראַבינאָוויטש מאַכט דאָ, באַווײַזט דאָך, אַז עפּעס אַ באַקאַנטשאַפֿט איז יאָ געווען צווישן זיי.

6 מ. בראַמסאָן (געב׳ 1862 אין קאָוונע) — באַקאַנטער טוער פֿון די „נאַראָדאָוואָלצעס" אין די 80ער יאָרן; אין 1887 פֿאַרשיקט אויף 5 יאָר קיין מזרח-סיביר, האָט זיך באַטייליקט אינעם באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד אין יאַקוטסק 1889 און דערפֿאַר פֿאַרמשפּט אויף סיבירער קאַטאָרגע, ווו ער איז אָפּגעווען 6 יאָר; שפּעטער געוווינט אין ווילנע, צוגעשטאַנען צו די ס״רן. אין 1933 געלעבט אין מאָסקווע, אַ „פּענסיאָנער" פֿון דער מלוכה.

7 וואַצלאַוו האַנדעלסמאַן (בראָניסלאַווסקי-האַנדעלסמאַן) פֿון וואַרשע, האָט געהערט צום ערשטן „פּראָלעטאַריאַט" און אין זײַן גבֿית-עדות דערציילט וועגן די חבֿרים; איז דאָך אין 1885 פֿאַרשיקט געוואָרן אין סיביר, ווו די אַנדערע פֿאַרשיקטע האָבן אים אויסגעשלאָסן פֿון זייערע רייען; פֿון 1892 געלעבט אין פּאַריז.

8 ווערט געמיינט נתן גאָלובאָוו; זע וועגן אים אַרט׳ פֿון א. ט ש ע ר י ק אָ וו ע ר אין דעם באַנד „יועגן ייִדן-רעוואָלוציאָנערן, קאַפּ׳ 7.

גערמאַניזע, און אויך ווײַל מײַן קלענערע שוועסטער רחל איז אויך אויסגעשלאָסן געוואָרן– דערפֿאַר, וואָס זי האָט געגעבן אַ פּאַטש דער אויפֿפּאַסערין אין קלאַס פֿאַרן וואָרט „זשידאָווקאַ“.

„ריירנדיק וועגן מײַן פֿאָטער[9] דערמאָן איך זיך דעם ווײַטערדיקן עפּיזאָד, וואָס איך האָב פֿון אים אַ מאָל געהערט דערציילן: אין מיטן די 90ער יאָרן האָט פּראָפֿעסאָר גרעץ פֿון ברעסלױ באַזוכט פּוילן, כּדי צו באַקענען זיך דאָ מיטן מצבֿ פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג,[10] און מײַן פֿאָטער איז געווען זײַן פֿירער. בעת זיי זײַנען געקומען קיין לאָדזש, האָט דער דאָרטיקער ייִדישער פֿאַבריקאַנט פּאָזנאַנסקי גענומען אויספֿײַנען זיך פֿאַר זיי, אַז ער האָט קיין מאָל ניט איבערגעריסן די פֿאַרבינדונגען מיטן ייִדישן כּלל און מיט די „חסידישע“ קרײַזן, הגם לויט זײַן מצבֿ נאָך געהערט ער צו די „פּאָליאַקן פֿון משה רבינוס גלויבן“. כּדי דאָס צו אילוסטרירן, האָט ער זיי געפֿירט באַווײַזן דעם ייִדישן שפּיטאָל אויף 100 בעטן, וואָס ער האָט אויפֿגעבויט. — „וויפֿל ייִדישע קראַנקע האָט איר אין אײַער שפּיטאָל?“ האָט אים אַ פֿרעג געטאָן שפּ״ר; — „הונדערט“, האָט געענטפֿערט פּאָזנאַנסקי; — „און וויפֿל געזונטע ייִדן אַרבעטן אין אײַער פֿאַבריק?“ — „קיין איינער ניט“, האָט פּאָזנאַנסקי געענטפֿערט; — „און וויפֿל גויִים האָט איר אין פֿאַבריק?“ — „זעקס טויזנט“; — „און וויפֿל גויִים אין שפּיטאָל?“ — „קיין אײנעם ניט“; — „אַ שאָד, וואָס ניט פֿאַרקערט“, האָט דערויף געענטפֿערט שפּ״ר...

„אין 1906 — 1907, בעת איך האָב, שוין נאָך מײַן צוריקקומען פֿון סיביר, געוווינט אין פּינסק, האָט דער פֿאָטער מיר ניט איין מאָל געשריבן פֿון וואַרשע, אַז ער איז געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן וואַרשע און וויל אַריבערפֿאָרן קיין פֿראַנקפֿורט-מײַן, מחמת די עפֿנטלעכע ביבליאָטעק בײַם וואַרשעווער אוניווערסיטעט איז געשלאָסן געוואָרן און ער האָט מער ניט קיין מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין וואַרשע איבער דער געשיכטע פֿון ייִדן אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד,[11] און אין פֿראַנקפֿורט וועט ער האָבן אין זײַן רשות די דאָרטיקע רײַכע ביבליאָטעק. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל זיך באַזעצן אין פּינסק, אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט אײַנריידן. אין יוני 1907 איז ער מיט דער מוטער געקומען צו מיר אין פּינסק געזעגענען זיך פֿאַר דער נסיעה קיין אויסלאַנד, און איין מאָל, בעת איך בין מיט אים געפֿאָרן אויף אַ שיפֿל איבער דער פּינסקער אָזערע און קיינער — אַפֿילו די מוטער — האָט ניט געקענט הערן, האָט ער מיר דערציילט אָט וואָס: די מאַכט אין וואַרשע האָט געשלאָסן די עפֿנטלעכע ביבליאָטעק אין איינעם מיטן אוניווערסיטעט; ער און נאָך אַ צענדלינג רוסישע, פּוילישע און ייִדישע שרײַבער, זשורנאַליסטן און פּראָפֿעסאָרן (צווישן זיי געדענק איך די נעמען פֿון שוויענטאָכאָווסקי, פּעלטען, באָדוען-דע-קורטענע א״אַ) האָבן דערלאַנגט דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר אַ פּראָטעסט, אַז אָן דער ביבליאָטעק, ווו זיי האָבן געאַרבעט, ווערן זיי ממש פֿאַרמשפּט צו „הונגערטויט“; דערויף האָט מען זיי פֿון דער גובערנאַטאָרישער קאַנצעלאַריע מינדלעך

---

9 דעם טייל פֿון זײַנע זכרונות נעמען מיר אַרויס פֿון אַ לענגערן בריוו, מיט אַן אויטאָביאָגראַפֿישן כאַראַקטער, וואָס ש. ראַבינאָוויטש האָט אין 1934 געשריבן צום באַקאַנטן פֿאָרשער פֿון דער רוס׳ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ר. קאַנטאָר (מיטאַרבעטער פֿונעם „ביאָ-ביבליאָגראַפֿ׳ לעקסיקאָן פֿון די רעוו׳ טוער“); אַ קאָפּיע פֿון דעם בריוו האָט אונדז ש. ראַבינאָוויטש צוגעשיקט.

10 פּראָפֿ׳ גרעץ איז געשטאָרבן אין 1891 און בכן האָט ער אין מיטן די 90ער יאָרן אין רוסלאַנד ניט געקענט זײַן; דערצו איז גוט באַקאַנט, אַז ער איז בכלל קיין מאָל אין רוסלאַנד ניט געווען; מסתּמא ווערט דאָ געמיינט אַן אַנדער אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט פֿונעם מערבֿ-אײראָפּעיִשן ייִדנטום, וואָס האָט דעמאָלט באַזוכט לאָדזש.

11 ווערט געמיינט זײַן באַוווּסטע איבערזעצונג אין העברעיִש פֿון גרעצס געשיכטע, מיט אייגענע זעלבשטענדיקע און ווערטפֿולע מילואים צו דער געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן און רוסלאַנד. דער גאַנצער ווײַטערדיקער עפּיזאָד, וואָס ווערט דאָ דערציילט, איז ביז איצט אין דער ליטעראַטור ניט געווען באַקאַנט.

געגנטפּערט, אַז קיינער האַלט זיי ניט אין וואַרשע און זיי זײַנען „פרײַ" צו פאַרלאָזן די שטאָט, מ'וועט זיי אַרויסגעבן פּאַסירשײַנען אין יענע פּונקטן, וואָס יעדערער פון זיי וועט זיך אויסקלײַבן, ווי צ"ב קיין וויאַטקע, אופאַ, אַרכאַנגעלסקער גובערניע וכדומה... נאָך אַזאַ „אַנצוהערעניש" וועגן אַ פאַרשיקונג האָבן זיי אַלע אויסגעקליבן בעסער דעם מערב-אייראָפּעיִשן גרענעץ, און די אַדמיניסטראַציע האָט מסכים געווען אַרויסצוגעבן זיי אויסלענדישע פּעסער בתנאַי, אַז זיי וועלן געגעבן ניט מער ווי 6 חדשים צו פאַרבלײַבן אין וואַרשע אויף רעגולירן זייערע עסקים".

רעדנדיק ווײַטער וועגן זײַנע קינדערשע אײַנדרוקן פון דער יידישער וואַרשע, שרײַבט ש. ראַבינאָוויטש:[12] „בעת איך, אַ 9יאָריק יינגל, בין אַריבערגעפאָרן פון אָשמענע קיין וואַרשע, איז שוין דאָרט געווען אַ באַפעלקערונג פון אַ האַלבן מיליאָן מענטשן, וואָס לערך אַ העלפט פון זיי זײַנען געווען יידן. די יידן האָבן זיך געטיילט אין צוויי טיילן: אין אָרטיקע, פּוילישע, וואָס מ'האָט זיי דאָס רובֿ גערופן „חסידים", און אין אָנגעפאָרענע, אין „ליטוואַקעס". חוץ זיי איז געווען נאָך אַ קליינע גרופּע פון אַ 2—3 צענדלינג טויזנט, אַזוי גערופענע „פאַליאַקן פון משה רבינוס גלויבן", וואָס זײַנען געשטאַנען מחוץ פון די יידישע קרײַזן, הגם גראָד זיי זײַנען געווען די ראָשי-המדברים פאַר דער רוסישער מאַכט. קיין יידיש האָבן זיי ניט גערעדט, זייער אָרגאַן איז געווען דער „איזראַעליטאַ" אין פּויליש, בעת פאַרן אָרגאַן פון די „ליטוואַקעס" האָט זיך גערעכנט די „הצפירה", וואָס חיים זעליג סלאָנימסקי האָט אַרויסגעגעבן. די פרום חסידישע קרײַזן האָבן זיך ניט געניייטיקט אין קיין אָרגאַן: זייערע „רבייִם" האָבן זיי פאַר-וועגט צוצורירן זיך אַפילו צו אַ געדרוקטן וואָרט — פאַר זיי איז געננוג געווען די תורה, וואָס דער רבי פלעגט זיי זאָגן".

„מיר פלעגט דעמאָלט אָפּט אויסקומען פאַרשיידענע שליחותן פון מײַן פאָטער, וואָס האָט געשריבן די פּאָליטישע לייטאַרטיקלען אין „הצפירה", און אויך פונעם פאַרלעגער און בוכהענדלער אַבֿרהם צוקערמאַן, וועלכער האָט מיר „פּראָטעזשירט". מיר פלעגט אויסקומען גאַנץ אָפּט צו לויפן אין צענזור-קאָמיטעט אָפּנעמען די פון ווין אָנגע-קומענע ביכלעך פון סמאָלענסקינס „השחר", אָדער אַרויסקריגן בײַם יידישן צענזאָר זאַמענהאָף (דער פאָטער פון שפּעטער באַרימט געוואָרענעם עספּעראַנטיסט) דעם פאָטערס אַרטיקלען און אַ מאָל לויפן אין דער דרוקערײַ פון „הצפירה", אָדער צום אײַנבינדער, וואָס האָט אײַנגעבונדן צוקערמאַנס ביכער. און איך האָב דעמאָלט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען, אַז אין וואַרשע, באַזונדערס אין דער געגנט פון די נאַלעווקעס, פראַנצישקאַנער, דזשיקע, גענשע און ווײַטער ביז סמאָטשע גאַס, זײַנען פאַראַן גאָר ניט ווייניק גאַנץ גרויסע יידישע דרוקערײַען, אײַנבינדערײַען, וואַרשטאַטן פון יוועלירערס, שנײַדערס וכדומה, ווו עס אַרבעטן צו פאַר צענדלינג יידישע אַרבעטער — שלאָסערס, מעכאַניקער, זעצערס, אײַנבינדערס, מײַסטערס, געזעלן און לערנייִנגלעך, חוץ כל המינים „קאָמיסיאָנערן" און גלאַט לופט-פאַרמיטלערס אין די דאָזיקע בראַנזשעס. דאָס איז אָבער געווען גאָרנישט לגבי דער באמת גרויסער טאַבאַק-פאַבריק פון די ברידער פּאָליאַקעוויטש, אויף באָני-פראַטן, ווו ס'האָבן שוין דעמאָלט געאַרבעט ביז 200 — 300 פרויען, דאָס רובֿ טעכטער פון יידישע הענדלערס מיט אַלטע קליידער, וואָס גייען אַרום איבער די הויפן („האַנדלאַזשעס"). עס זײַנען אויך געווען אַ גרויסע צאָל יידישע האַנדלס-אָנגעשטעלטע, בעלי-עגלות און טרעגערס.

דאָס זײַנען אַלץ געווען אָרטיקע, פּוילישע יידן — „חסידים", ווי מ'האָט זיי גערופן. זיי האָבן געדאַוונט אין איין מנין מיט זייערע בעלי-בתים און האָבן געהערט צום זעלביקן רבין. עפּעס געדענקט זיך מיר אַ שטרײַק, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין 1878 אָדער אין 1879 אויף דער דערמאָנטער טאַבאַק-פאַבריק. דער בורר צווישן די צוויי

12 אין דעם אויבן אָנגעוויזענעם בריוו צו ר. קאַנטאָרן.

צדדים, צווישן די בעלי־בתּים און די שטרייַקנדיקע אַרבעטער און אַרבעטערקעס, איז געווען דער רבי אַליין. ער האָט שטרענג געאַסרט, אַז די שטרייַקערס זאָלן חלילה ניט אָננעמען וואָסער ניט איז געלטשטיץ פון די ליטוואַקעס, די „צלם־קעפּ"; גראָד האָט אַ גרופּע ייִדישע גימנאַזיסטן און סטודענטן געקליבן געלט צו שטיצן די הונגע־ריקע שטרייַקערס. אַז דער שטרייַק האָט זיך פאַרענדיקט (מיט אַ האַלבן נצחון פון ביידע צדדים), זייַנען יענע שטרייַקערס, וואָס האָבן יאָ אָנגענומען תּמיכה פון די „צלם־קעפּ", ניט צוגעלאָזט געוואָרן צוריק אויף דער פאַבריק, און מען האָט דעריבער פאַר זיי געמוזט אָרגאַניזירן עפּעס „אַרטעלן" און קאָאָפּעראַטיוון, כּדי זיי זאָלן ניט אויסגיין פון הונגער. מיט אַ יאָר אָדער צוויי שפּעטער, בעת אויף דער טאַבאַק־פאַבריק האָבן זיך שוין געפונען פרויען אַליין ביז 500 – 600, האָט דאָ ווידער אויסגעבראָכן אַ שטרייַק, אָבער בראָש איז שוין געשטאַנען ניט דער רבי, נאָר אַ שטרייַק־קאָמיטעט פון די אַרבעטער און דער רבי האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט מעלדן וועגן דעם דער פּאָליציי. אין 2–3 יאָר אַרום, בעת אויף דער פאַבריק האָבן שוין געאַרבעט כּמעט 1000 מענטשן, איז ווידער דאָ געווען אַ שטרייַק און דאָס מאָל האָט ער זיך פאַרענדיקט לויט דעם געוויינטלעכן רוסישן נוסח: מיט קאָזאַקן, נאַהייַקעס וכּדומה.[13]

די צאָל ייִדישע וואַרשטאַטן אין וואַרשע און אויך די צאָל ייִדישע אַרבעטער אין זיי איז אַלץ געוואַקסן. אָבער צוקומען צו די דאָזיקע אַרבעטער איז געווען זייער שווער, מחמת מיר, די שטודיר־יוגנט פון די „ליטוואַקעס", האָבן גערעדט כּמעט דורכויס רוסיש. מיר זייַנען דערצויגן געוואָרן אויף טשערנישעווסקין, דאָבראָליובאָוון, פּיסאַרעוון, שעלגונאָוון, מיכאַילאָווסקין, גלעב אוספּענסקין, פּאָמיאַלאָווסקין, רעשעטניקאָוון, שטשאַפּאָוון, לאַווראָוון, טקאַטשאָוון, באַקונינען, טיכאָמיראָוון, פּלעכאַנאָוון, אויפן „וופּעריאָד", „זעמליאַ אי וואָליאַ" און „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", אויף די ביאָגראַפיעס און געריכט־פּראָצעסן פון די רעוואָלוציאָנערע טוער וכּדומה — אַלץ אין רוסיש. ייִדיש האָט זעלטן ווער פון אונדז געקענט און דאָס אויך נאָר שרייַבן אַ „בריוועלע דער מאַמען". בכדי צו פירן פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדישע אַרבעטער האָבן מיר אַפריִער געמוזט לערנען מיט זיי רוסישע אָדער פּוילישע „גראַמאַטע", און ערשט דעמאָלט האָט מען זיי געקענט אונטערטראָגן אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע־בראָשור, ווי למשל די Хитрая механика אָדער Kto z czego żyje. דאָס אייגענע איז אויך חל געווען אויף די אַנדערע ייִדישע שטעט, ווי לאָדזש, ביאַליסטאָק, בריסק, פּינסק, מינסק און ווילנע. דאָס האָב איך קלאָר געזען בייַם אומבייַט מיט די אומלעגאַלע רוסישע (און אַמאָל פּוילישע) ביכער צווישן אונדזער ביבליאָטעק, וואָס מיר האָבן געשאַפן אין וואַרשע, און צווישן די קרייַזלעך אין די דאָזיקע פּונקטן".

אין 1928 האָט דער וועטעראַן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּוילן פעליקס קאָן אויף אַ זיצונג אין מאָסקווע זיך געטיילט מיט זייַנע זכרונות וועגן די באַגעגענישן מיט ייִדישע אַרבעטער אין אָנהייב די 80ער יאָרן;[14] דערבייַ האָט ער געמאַכט אַ מיטטיילונג, וואָס איז פאַר אַלעמען געווען אַ נייַס: אַז די פּוילישע פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט" האָט נאָך אין אָנהייב די 80ער יאָרן „אַרויסגעלאָזט אין ייִדיש עטלעכע

---

13 וועגן די שטרייַקן אויף פּאָליאַקעוויטשעס פאַבריק, און בכלל וועגן ייִדישע שטרייַקן אין וואַרשע סוף די 70ער און אָנהייב די 80ער, איז ביז איצט אין דער ליטעראַטור ניט געווען באַקאַנט. דער גרויסער באַקאַנטער שטרייַק אויף דער פאַבריק איז פאָרגעקומען ערשט אין 1891 (זע פריִער, אַרט׳ פון אַ. מענעס); משמעות האָט אַזאַ שטרייַק אויסגעבראָכן אויך אָנהייב די 80ער.

14 פעליקס קאָן האָט די מיטטיילונג געמאַכט אויף אַ זיצונג פון דער „סעקציע צו שטודירן די רעוו׳ באַוועגונג צווישן ייִדן" בייַ דער געזעלשאַפט פון די „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס" און פאַרשיקטע, אין מאָסקווע, דעם 24סטן אַפּריל 1928; זע דעם ז״ב פון דער סעקציע Революционное движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 21—32.

אויפֿרוף, בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, דער עיקר פֿון פּאָליטישן כאַראַקטער", און אַז די דאָזיקע אויפֿרופֿן האָט מען געמוזט שיקן קיין גאַליציע איבערזעצן פֿון פּויליש אין ייִדיש, מחמת נאָר דאָרט זײַנען געווען קענערס פֿון ייִדיש. איין אויפֿרוף — האָט פּ. קאָן מוסיף געווען — איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿונעם „פּראָלעטאַריאַט", אין פּויליש, דײַטש, ייִדיש, ליטוויש און ווײַסרוסיש, וועגן די קלאַנגען מכּוח אַ מלחמה אָנהייב 1882 (?) און איז שטאַרק פֿאַרשפּרייט געוואָרן; עס איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אויפֿרוף אין ייִדיש מכּוח די פּאָגראָמען (אין די 80ער יאָרן); עס האָט זיך געגרייט אויך אַ דריטער ייִדישער אויפֿרוף. באַזונדיק אין 1917, אויפֿן וועג קיין רוסלאַנד, דעם ראַפּערסווילער מוזיי אין דער שווייץ זאָל פּ. קאָן דאָרט האָבן געזען „אַן עקזעמפּלאַר פֿון אַזאַ אויפֿרוף אין ייִדיש".[15] ש. ראַבינאָוויטש זאָגט אַרויס זײַנע ספֿקות בנוגע דער דאָזיקער באַהויפּטונג:[16] „מיר אין וואַרשע האָבן עפּעס דעמאָלט געהערט, אַז דער „פּראָלעטאַריאַט" זאָל האָבן אַרויסגעלאָזט אויפֿרופֿן ניט בלויז אין פּויליש, נאָר אויך אין ייִדיש, דײַטש און ווײַסרוסיש (און ליטוויש?), אָבער זען זיי איז אונדז קיין מאָל ניט אויסגעקומען, בעת די פּוילישע האָבן מיר ניט בלויז געזען און געלייענט, נאָר אַפֿילו געהאַט אין אונדזער ביבליאָטעק און פֿונאַנדערגעשיקט אין דער פּראָווינץ". די באַהויפּטונג פֿון פֿעליקס קאָן שטימט אויך ניט כראָנאָלאָגיש: דער „פּראָלעטאַריאַט" האָט אין 1882 ניט געקענט אַרויסלאָזן קיין אויפֿרופֿן, מחמת ער איז, ווי באַקאַנט, געגרינדעט געוואָרן ערשט אין 1883, און געוויס האָט אויף די אָנגעגעבענע טעמעס ניט אַרויסגעלאָזט קיין אויפֿרופֿן דער צווייטער „פּראָלעטאַריאַט", וואָס איז אויפֿגעקומען ערשט אין 6 יאָר אַרום (פּ. קאָן איז אַגבֿ דעמאָלט שוין געווען אַ פּאָר יאָר אַרעסטירט). די דאָזיקע באַהויפּטונג פֿון פּ. קאָן רופֿט אַרויס בכן ספֿקות און משמעות, אַז דער זכּרון האָט אים פֿאַרפֿירט.[16a]

„שוין אין די ערשטע יאָרן אין גימנאַזיע — דערציילט ווײַטער ש. ראַבינאָוויטש אין זײַנע נאָטיצן — האָבן מיר, עטלעכע גימנאַזיסטן, געשאַפֿן אַ קרײַזל פֿון אַ 6–7 מאַן, וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט לייענען די פּראָגרעסיווע רוסישע ליטעראַטור און זשורנאַלן און אויך מיט אויפֿקויפֿן בײַ די בוכהענדלער די קאָנפֿיסקירטע רוסישע ביכער און אײַנשאַפֿן פֿאַרווערטע אויסגאַבעס. פֿונעם צווייטן קלאַס אָן האָב איך אָנגעהויבן אַליין פֿאַרדינען און געגעבן גראָשענע לעקציעס, דער עיקר אין די אָרעמע אַרבעטער-קוואַרטאַלן, און אָפּט—אומזיסטע. אין מערץ 1881, נאָכן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II, האָט מען די תּלמידים פֿון גימנאַזיע אַוועקגעפֿירט אָפּצוגעבן אַ שבֿועה דעם נײַעם צאַר, די פּאָליאַקן — אין די קאָשציאָלן און די ייִדן — אין די שולן, אָבער איך און מײַן חבֿר ווײַנבערגער האָבן זיך אָפּגעזאָגט און זײַנען ניט געגאַנגען. זינט דעמאָלט זײַנען מיר ביידע בײַ „נאַטשאַלסטווע" געווען אונטער אַ חשד".

„חוץ דעם דערמאָנטן קרײַזל פֿאַר זעלבסטבילדונג און דער אומלעגאַלער ביבליאָטעק, האָב איך און מײַן חבֿר אבֿרהם קאָטיק אַ ביסל שפּעטער אויך געגרינדעט אָוונט-קורסן פֿון „גראַמאַטע" פֿאַר ייִדישע אַרבעטער. היות ווי ייִדיש ריידן האָבן מיר כּמעט ווי ניט געקענט און די באַזוכער פֿון די קורסן האָבן פֿאַרשטאַנען נאָר ייִדיש, פֿלעגן מיר אַפֿריִער מוזן זיך אויפֿשרײַבן דאָס, וואָס מיר האָבן געוואָלט מיט זיי לערנען".

---

15 דאָרטן, ז׳ 26, 29 און 30.

16 אין זײַן דערמאָנטן בריוו צו קאַנטאָרן.

16a לויט אונדזער בקשה האָט פּ. שוואַרץ אין וואַרשע (מחבר פֿונעם ווײַטערדיקן אַרטיקל וועגן די ערשטע ייִדישע אויסגאַבעס פֿון דער פּפּ"ס) געזוכט אין די מאַטעריאַלן פֿון ראַפּערסווילער מוזיי פֿאַר יענע יאָרן און האָט אַזעלכע אויפֿרופֿן ניט געפֿונען; אמת, די דאָזיקע מאַטעריאַלן זײַנען נאָך ניט אין גאַנצן געסדרט. דער ראַפּערסווילער מוזיי איז נאָך דער מלחמה אַריבערגעפֿירט געוואָרן פֿון דער שווייץ קיין וואַרשע און בילדעט אַ טייל פֿון דער מיליטערישער ביבליאָטעק אויף די אויאַזדאָווער אַלייען.



שמואל ראַבינאָוויטש
אין דער קאָוונער טורמע (1888—1889)



שמואל ראַבינאָוויטש
אויף דער עלטער

אַ גרופּע פּאָליטישע פאַרשיקטע אין יאַקוטסק אין 1899 (צו די זכרונות פון שמואל ראַבינאָוויטש)

קאַלאַשניקאָוו (ס״ד פון אָדעס), 2) פּאָגאָזשעלסקי (פּפּ״ס), דאַלינין (אָדער דאַלין; נאַראָדאָוואָלעץ), 4) נעכאַמקעס (ס״ד פון
יעס; שפּעטער באַקאַנטער באָלשעוויק י. סטעקלאָוו), 5) מאַנדעלשטאַם (ס״ד, שפּעטער באַקאַנטער באָלשעוויק ליאַדאָוו),
לעווטשענקאָ, 7) פּריוטאָוו, 8) אָלענין, 9) מאָראָזאָוו (ס״ד), 10) שמואל גאָזשאַנסקי („דער לערער״, „לנו״—פון דער גרופּע
דישע ס״ד, שפּעטער „בונד״), 11) לידיאַ קראַניכפעלד (די פרוי פון מאַנדעלשטאַם־ליאַדאָוו), 12) קופּעראָוו (?), 13) ווינאָקור
ונעם זעלביקן פּראָצעס ווי ש. גאָזשאַנסקי), 14) סמירנאָוו, 15) טולופּאָוו, 16) גאַלקין (ס״ד, שפּעטער באָלשעוויק),
) הראַבאָווסקי (באַקאַנטער אוקראַיִנישער פּאָעט), 18) כינטשוקס פרוי, 19) לעוו כינטשוק (שפּעטערדיקער אַמבאַסאַדאָר פון
פּ אין דייטשלאַנד), 20) פייגע ראַבינאָוויטש (פרוי פון שמואל ראַבינאָוויטש), 21) גריגאָרי מאַרמאָרשטיין (נאַראָדאָוואָלעץ, אָדעס),
) אָקאָלאָוו, 23) הענריק דולעמבאַ (פּראָלעטאַריאַטשיק), 24) צימערמאַן (לאָדזשער פּראָצעס פון אַנאַרכיסטן אין 1896),
) לאַזיאַנאָוו, 26) 8יאָריקער זון פון ש. ראַבינאָוויטש, 27) מאָיסעי לוריע (ס״ד, אַ זעצער), 28) שמואל ראַבינאָוויטש.

„אונדזער רעוואָלוציאָנערע ביבליאָטעק, ווו עס זײַנען געווען האַלבלעגאַלע, קאָנפֿיסקירטע און אויך אומלעגאַלע ביכער, ווי צ״ב די ביאָגראַפֿיעס פֿון די „נאַראָדאָוואָלצעס״ פֿון 1טן מערץ 1881 און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע בראָשורן, דער „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי״, דער פּוילישער אָרגאַן „פּראָלעטאַריאַט״, די ווערק פֿון מאַרקסן און לאַסאַלן, פֿון טקאַטשאָוון און לאַווראָוו-מירטאָוון וכדומה, איז זיך פֿונאַנדערגעוואַקסן אין אַ ברייטער נעץ פֿון אַן אינטערגימנאַזיאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַזאָרגט מיט ביכער די עלטערע תּלמידים פֿון די זעקס וואַרשעווער גימנאַזיעס, ווי אויך סטודענטן און אַרבעטער, און האָט פֿאַרכאַפּט ניט בלויז וואַרשע, נאָר אויך אייניקע שטעט אין דער פּראָווינץ. צו יענער צײַט האָב איך שוין געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט אייניקע טוערס פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און אויך פֿונעם פּוילישן „פּראָלעטאַריאַט״—מיט קוניצקין, באַרדאָווסקין, וואַרפּעכאָווסקין פֿון פּינסק, יענדזשעיעווסקין א״אַ.[17] אונדזער רעוואָלוציאָנער קרײַזל האָט געקראָגן דעם נאָמען „ליבינס קרײַזל״; צו אים האָבן געהערט, חוץ ליבינען און מיר, אויך סאַמויל ווײַנבערגער, אַבֿרהם קאָטיק און נאָך אייניקע חבֿרים. דאָס קרײַזל האָט געהאַט פֿאַרבינדונגען אויך אין די אַנדערע שטעט, ווי בריסק, ביאַליסטאָק און אַפֿילו פּינסק, מינסק און ווילנע״. אין 1887 זײַנען פֿאָרגעקומען די ערשטע אַרעסטן צווישן די מיטגלידער פֿון קרײַזל, אייניקע זײַנען זיך נאָך פֿריִער צעפֿאָרן און פֿון די אַלטע איז פֿאַרבליבן נאָר ווײַנבערגער. אָבער ס׳זײַנען צוגעקומען נײַע, ווי למשל, סטאַניסלאַוו קאַסיוש אין וואַרשע און אַ ריי טוערס אין דער פּראָווינץ.

„אין אָקטאָבער 1885, נאָכן אַרעסט פֿון אָסיפּ ראַזומעיטשיקן,[18] באָהושעוויטשן און אַנדערע, האָבן די זשאַנדאַרמען געמאַכט אַ רעוויזיע אויך בײַ מיר, אָבער אָן אַ שום רעזולטאַט. שוין דעמאָלט, זײַענדיק אין 6טן — 7טן קלאַס גימנאַזיע, האָט איך ערנסט גענומען טראַכטן וועגן אַוועקפֿאָרן שטודירן קיין אויסלאַנד, מחמת איך האָב געפֿילט, אַז אין דער וואַרשעווער גימנאַזיע וועל איך מײַנע יאָרן ניט אויסלעבן. דער דירעקטאָר פֿון גימנאַזיע טראָיִצקי פֿלעגט אויף אַלע זײַנע לעקציעס (לאָגיק) אָפֿן מיר געבן אָנצוהערעניש, אַז איך פֿאַרנעם אומזיסט פּלאַץ, ווײַל הגם פֿאַר אַלע לימודים האָב איך גוטע אויסצייכענונגען, אָבער פֿאַר מײַן אויפֿפֿירונג וועל איך קיין מאָל מער פֿון אַ 4 ניט באַקומען און וועל דעריבער אין אוניווערסיטעט ניט קענען אַרײַן. „אַזעלכע ווי איר — האָט ער דערבײַ אָפֿן, פֿאַרן גאַנצן קלאַס, געזאָגט — הענגט מען בײַ אונדז אין רוסלאַנד און ניט מען גיט זיי נאָך די מעגלעכקייט אַרײַנצוטרעטן אין אוניווערסיטעט... זאָגט אײַער פֿאָטער, אַז ער זאָל אָפּנעמען אײַערע פּאַפּירן, מיר וועלן אים דערפֿאַר זײַן נאָר דאַנקבאַר״. פֿון די ווערטער האָב איך קלאָר פֿאַרשטאַנען, אַז מען וועט מיך די גימנאַזיע ניט לאָזן ענדיקן בשלום, און האָב שוין דעמאָלט גענומען לערנען פֿראַנצייזיש, ווײַל איך האָב באַשלאָסן צו פֿאָרן שטודירן קיין פּאַריז. אין דער זעלביקער צײַט האָב איך זיך גענומען לערנען אײַנבינדערײַ, מחמת איך האָב געוווּסט, אַז אין פּאַריז האָב איך קיין שום אויסזיכטן ניט צו האָבן חיונה פֿון לעקציעס, אַזוי ווי אין וואַרשע. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט מיר שוין מײַן אײַנבינדער, בײַ וועלכן איך האָב געלערנט די מלאָכה אין אָוונט, נאָך דער גימנאַזיע, אָנגעהויבן צו ביסלעך צאָלן, אַזוי אַז איך האָב אַפֿילו געקענט אַוועקוואַרפֿן מײַנע געצאָלטע לעקציעס; די אומזיסטע - פֿאַר ישיבֿה-בחורים דער עיקר – האָב איך איבערגעלאָזט ווי פֿריִער. איבער דעם טעם האָבן מיך די אַרבעטער און אַרבעטערינס אין קאָטיקס אָוונטשול אין וואַרשע, פֿאַר וועלכע איך האָב „געלייענט״ מײַנע

---

[17] די אויסגערעכנטע פֿערזאָנען געהערן צו די אָנגעזעענסטע פֿירער פֿון ערשטן „פּראָלעטאַריאַט״: קוניצקי און באַרדאָווסקי זײַנען אומגעקומען אויף דער תּליה. יענדזשעיעווסקי איז שפּעטער געוואָרן איינעם מיט י. פּילסודסקין דער גרינדער פֿון דער פּפּ״ס.

[18] אָסיפּ ראַזומײטשיק איז אין גיכן געשטאָרבן אין וואַרשעווער ציטאַדעל און זײַן לוויה האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פֿון אַ פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע.

לעקציעס אין יידיש (מחמתריידן אין יידיש איז מיר געווען שווער), גערופן „דער אײַנבינדער", און די פוילישע אַרבעטער — „אינטראָליגאַטאָר". אין די רעוואָלוציאָנערע קרײַזן אין וואַרשע האָט מען מיך געקענט אונטער דער צונעמעניש „מאַלי".

אין 1886, נאָכן פּראָצעס פון די „פּראָלעטאַריאַטשיקעס"[19] און נאָך די גרויסע אַרעסטן אין וואַרשע, בעת איך האָב זיך באַטייליקט אין זאַמלען געלט פאַר די אַרעס-טירטע און פאַרשיקטע, האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אַז מען האַלט מיך אויך בײַם אַרעסטירן. איך האָב באַשלאָסן תּיכּף אָפּצוטראָגן זיך פון וואַרשע און בין אַוועקגעפאָרן קיין פאַריז".

## II

וועגן דעם וואַרשעווער רעוואָלוציאָנערן קרײַזל, וואָס ש. ראַבינאָוויטש און זײַנע חברים האָבן געגרינדעט אין מיטן די 80ער יאָרן, געפינען מיר אַן אויספירלעכע באַשרײַ-בונג אין די זכרונות פון אַבֿרהם קאָטיק, וואָס האָט געהערט צו די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם קרײַזל.[20] דעם קערן פונעם קרײַזל, ווי ס'איז שוין געווען אָנגעוויזן, האָט געבילדעט אַ קליינע גרופּע יידישע גימנאַזיסטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן פון זעלבסטבילדונג און שפּעטער אויסגעברייטערט זייער טעטיקייט און געשאַפן אַ גאַנצע נעץ פון נײַע קרײַזלעך. אין יענער שטילשטאַנד-תּקופֿה, צווישן דעם ערשטן „פּראָלעטאַריאַט" (1883—1885) און דער גרינדונג פונעם צווייטן (אין 1888), האָבן די דאָזיקע קרײַזלעך, וואָס זײַנען פאַקטיש באַשטאַנען פון יידן, אויסגעטראָגן אויף זיך אַ גרויסן טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין פוילן. דאָס קרײַזל, וואָס ש. ראַבינאָוויטש דערציילט וועגן אים אויבן, איז לויט קאָטיקס ווערטער געגרינדעט געוואָרן אין 1885 און האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער צענטראַלער קרײַז פון דער שטודיר-יוגנט אין וואַרשע". די גרינדער זײַנען געווען: ליבין, ש. ראַבינאָוויטש, אַ. קאָטיק, ס. ווײַנבערגער, בוך און יאָאַכים. לודוויק קשיוויצקי, אין זײַן געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פוילן, שרײַבט וועגן אים ווי וועגן „ל—ס קרײַזל"—ליבינס קרײַזל,[20a] מחמת ליבין איז געווען דער עלטסטער אין דער גרופּע און פאַקטיש איר אָנפירער. דער כאַראַקטער פון דעם קרײַזל איז געווען אַ רוסיש-נאַראָדאָוואָלישער. די גאַנץ גרויסע ביבליאָטעק פון לעגאַלע ביכער, וואָס דאָס קרײַזל האָט געשאַפן, האָט אויך געטראָגן אַ רוסיש-ראַדיקאַלן כאַראַקטער; חוץ דעם איז געווען אַ קלענערער טייל פון אומלעגאַלע רוסישע און פוילישע אויסגאַבעס. די דאָזיקע ביבליאָטעק, ווי מ'זעט עס פון אַ. קאָטיקס באַשרײַבונג און פון ש. ראַבינאָוויטשעס עדות, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער פאַרשפּרייטונג פון ראַדיקאַלע אידעען צווישן דער יידישער יוגנט אין וואַרשע און אויך אין בריסק,

---

19 דער אַזוי גער' „פּראָצעס פון די 29", בעת 4 מענטשן זײַנען פאַרמשפּט געוואָרן צו תּליה און אויפגעהאַנגען (קוניצקי, באַרדאָווסקי, אָסאָווסקי און פּעטרוסינסקי), 23 — אויף קאַטאָרגע און 2 פאַרשיקט אין סיביר (דעצעמבער 1885—יאַנואַר 1886).

20 אַבֿרהם קאָטיק, דאָס לעבן פון אַ יידישן אינטעליגענט (ניו-יאָרק 1925), ב' 1, קאַפּ' 6, 7, 8.

20a אַ. קאָטיק באַגייט דאָ אַ טעות: לודוויק קשיוויצקי האָט אַזאַ געשיכטע ניט געשריבן, נאָר פון צײַט צו צײַט געדרוקט זכרונות, דער עיקר אין „Niepodległość" (זע ווײַטער); מסתּמא ווערט דאָ געמיינט די געשיכטע פון דער סאָצ' באַוועגונג אין פוילן פון לודוויק קולטשיצקי (=מאַזאָוועצקי), אָבער אויך דאָ האָבן מיר ניט געפונען קיין דירעקטן אָנווײַז אויף „ליבינס קרײַזל", נאָר אויפן קרײַזל פון וואַרשעווער קאָמערץ-שול (קולטשיצקי, סטודניצקי, קאַסיוש א"אַ), וואָס איז ווי באַקאַנט געווען פאַרבונדן מיטן ערשטן; אַזוי שטייט בכל אופן אין דער רוסישער אויסגאַבע פונעם בוך, וואָס מיר האָבן אונטער דער האַנט (אַרויס אַנאָנים אין לעמבערג 1904), ז' 69. — דער אויבן דערמאָנטער יצחק בוך האָט זיך אין גיכן געשמדט כּדי אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט און איז שפּעטער געוואָרן אַ מיליטער-דאָקטאָר; יאָאַכים האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע און דאָ פּראַקטיקירט ווי אַ דאָקטאָר.

ביאַליסטאָק און אַ ריי אַנדערע שטעט אין ליטע, וווּהין די ביכער פֿלעגן אויסגעלײַען ווערן פֿאַר די געגרינדעטע קרײַזלעך פֿון זעלבסטבילדונג. אָבער די דאָזיקע ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע האָט געדינט אויך ווי אַ מיטל פֿאַר קולטור-רוסיפֿיקאַציע. די דערמאָנטע ביבליאָטעק האָט איבערגעלעבט דאָס קרײַזל און האָט נאָך באַדינט די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין וואַרשע אָנהייב די 90ער יאָרן. האַרבסט 1885 זײַנען אין וואַרשע, לויט דער איניציאַטיוו פֿון אַ. קאָטיק, געגרינדעט געוואָרן די ערשטע אָוונט-קורסן פֿון „גראַמאָטע" פֿאַר ייִדישע אַרבעטער, געהיים אין אַ פּריוואַטן חדר, בײַ אַ מלמד אויף פֿראַנצישקאַנער גאַס; אויף די קורסן האָבן זיך פֿאַרשריבן 25 אַרבעטער און אין גיכן זײַנען זיי איבערגענומען געוואָרן פֿונעם „צענטראַלן קרײַזל"; די קורסן האָבן זיך אָפּגעמאַטערט אַ יאָר צײַט און האָבן זיך פֿאַרמאַכט. אין די דאָזיקע קורסן האָט זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט ש. ראַבינאָוויטש, ווי מיר האָבן עס פֿריִער געזען.

דער עלטסטער אינעם „צענטראַלן קרײַזל", ווי געזאָגט, איז געווען וולאַדימיר (וואָלף) ליבין. ער האָט געשטאַמט פֿון סלוצק און איז שוין צו יענער צײַט געווען געזעסן אין וואַרשעווער טורמע; געווען איז ער אַ פֿאַרברענטער „נאַראָדאָוואָלעץ". אין 1887, בײַם דורכפֿאַל פֿון קרײַזל, איז ליבין אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשיקט אויף 10 יאָר קיין סיביר (ש. ראַבינאָוויטש איז שוין צו יענער צײַט געווען אין אויסלאַנד). אַן ענערגישע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע האָט פֿון די איבערגעבליבענע אַנטוויקלט סאַמויִל ווײַנבערגער, וועלכער איז ניצול געוואָרן בעת די אַרעסטן; ער איז אַגבֿ געווען דער איינציקער פּוילישער ייִד צווישן די גרינדער פֿון קרײַזל, וואָס האָט געקענט ריידן און אַרויסטרעטן אין פּויליש; אַלע איבעריקע האָבן זיך באַנוצט מיט דער רוסישער שפּראַך. אין 1889 איז ער דורכגעפֿאַלן בײַם באַקומען אַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלע ליטעראַטור, איז אַרײַנגעזעצט געוואָרן אין וואַרשעווער ציטאַדעל און אין 1891 פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף נײַע דרײַ יאָר טורמע; אין גיכן איז ער געשטאָרבן אין דער פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג אין פּעטערבורג.[21] אַ פּוילישער ייִד איז אויך געווען דער שפּעטער צוגעקומענער טוער סטאַניסלאַוו קאַסיוש, וואָס איז אויך אַרויס פֿון אַזאַ קרײַזל; איינער פֿון די אַקטיווסטע טוער פֿון דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין יענע יאָרן, איז ער שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשיקט קיין סיביר.[22]

דאָס „צענטראַלע קרײַזל" האָט עקסיסטירט דרײַ יאָר און איז זיך צעפֿאַלן אין 1887, נאָך די אַרעסטן. אָבער פֿון די קרײַזלעך, וועלכע האָבן, לויט קאָטיקס ווערטער, זיך געשאַפֿן אין וואַרשע און אין דער פּראָווינץ, זײַנען אַרויסגעקומען נײַע טוערס, וואָס האָבן די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע ווײַטער געפֿירט. אין וואַרשע זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן, חוץ דעם דערמאָנטן סטאַניסלאַוו קאַסיוש (דעמאָלט אַ תּלמיד פֿון קראָנענבערגס קאָמערץ-שול), אויך יצחק סלאָנימסקי פֿון בריסק (האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע), משה טאַבענקין—אַ סלוצקער, אַ געוועזענער ישיבֿה-בחור פֿון וואָלאָזשין און דעמאָלט אַ בוכהאַלטער אין וואַרשע,[23] בלאָך אין ביאַליסטאָק, אַ טעטיקער נאַראָדאָוואָלישער טוער,

---

21 זע וועגן אים אויך אינעם ביאָ-ביבליאָגראַפֿישן לעקסיקאָן פֿון די רעוו׳ טוער (מאָסקווע 1933), ב׳ 3 (80ער יאָרן), העפֿט 1, ז׳ 559.

22 קאָסיוש איז געווען איינער פֿון די גרינדער פֿונעם צווייטן „פּראָלעטאַריאַט"; בײַ די דורכפֿאַלן אין 1888 איז ער אַנטלאָפֿן קיין דײַטשלאַנד (אָדער עסטרײַך), פֿון וואַנען מ׳האָט אים אַרויסגעגעבן דער רוסישער רעגירונג. קומענדיק צוריק פֿון סיביר, עמיגרירט ער קיין דײַטשלאַנד, ווו ער איז אַקטיוו אין דער דײַטשער אַרבעטער-באַוועגונג און ווערט מיט דער צײַט דער סעקרעטאַר פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין; אין 1905 איז ער אין דײַטשלאַנד געשטאָרבן.

23 מ. טאַבענקין איז דער פֿאָטער פֿונעם באַקאַנטן פּועלי-ציוניסטישן טוער אין ארץ-ישׂראל יצחק טאַבענקין.

וואָס איז שפּעטער פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.[24] „די פֿאַרבינדונגען זײַנען אַוועק אין דער טיף פֿון ליטע און פּוילן", שרײַבט אַ. קאָטיק, „דער קרײַז איז געוואָרן אַ באַדײַטיקע ווירקנדיקע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע". אויף וויפֿל דאָס איז ריכטיק איז איצט שווער צו זאָגן, מחמת די תּקופֿה איז ווייניק אויסגעפֿאָרשט, אָבער אַ ווירקונג אויף דער ייִדישער גאַס האָט ער זיכער געהאַט. די יורשים פֿון דעם קרײַזל האָבן אָנהייב די 90ער אין וואַרשע שוין אָנגענומען אַ מאַרקסיסטישע באַפֿאַרבונג, ווי מיר ווייסן דאָס פֿון אַנדערע מקורים. איינער פֿון זיי, שניאורסאָן, אַן אייניקל פֿון ליאַדיִער רבין, האָט אַפֿילו אויפֿגעהיט די אַלטע ביבליאָטעק פֿונעם קרײַזל.[25]

„אין פּוילן – שרײַבט אַ. קאָטיק – זײַנען מיר געווען די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטן, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט דער ייִ ד י ש ע ר סבֿיבֿה".[26] רעטראָספּעקטיוו קען דאָס זײַן אמת, אָבער אין יענעם מאָמענט איז קיינעם פֿון די איניציאַטאָרן ניט אײַנגעפֿאַלן אין מחשבֿה צו פֿירן אַ ספּעציעל ייִדישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן אַרבעטער. פֿאַקטיש האָבן זיי צוגעצויגן טאַקע אַ ייִ ד י ש ע אוידיטאָריע, אָבער גערעדט האָבן זיי צו איר ניט אין ייִדיש און אַפֿילו ניט אין פּויליש, נײַערט אין ר ו ס י ש און האָבן געקנעלט מיט איר דער עיקר רוסישע „גראַמאָטע" בכדי צו מאַכן זי מסוגל אויפֿצונעמען די רוסישע נאַראָדנישע אידעען און בכלל די רוסישע ראַדיקאַלע טראַדיציעס. עס איז גענוג כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַלע איניציאַטאָרן פֿונעם „צענטראַלן קרײַזל", חוץ איינעם– ווײַנבערגערן, זײַנען געווען „ליטוואַקעס" און האָבן אַפֿילו שלעכט געקענט פּויליש, מחמת די שפּראַך פֿון לימוד אין די גימנאַזיעס פֿון פּוילן איז דעמאָלט געווען רוסיש.

„קיינעם פֿון אונדז—איז מודה אַ. קאָטיק – איז דעמאָלט ניט אײַנגעפֿאַלן צו זוכן אַרבעטער צווישן ייִדן"; געזוכט האָט מען אַרײַנצודרינגען צו די פּ ו י ל י ש ע אַרבעטער, אויב אין דאָרף איז אוממעגלעך. ליבין אַליין „האָט מיט ייִדן אַ קנאַפּע מגע-ומשׂא געהאַט, אים פֿלעגט ציִען צו די אומות-העולם"; ער איז געווען דער שאַרפֿסטער אָפּאָנענט קעגן די אָוונט-קורסן פֿאַר ייִ ד י ש ע אַרבעטער, ווי אויך קעגן גרינדן אַ ספּעציעלן קרײַז פֿון ייִ ד י ש ע אָנגעשטעלטע. בעת אַ. קאָטיק האָט פֿאָרגעלייגט אין קרײַזל זײַן פּראָיעקט פֿון די דערמאָנטע אַרבעטער-קורסן, האָט מען אים ווילד אָנגעקוקט: „אַ שול פֿאַר ייִדישע אַרבעטער... איז דען אַזאַ מין דאָ?.. בײַ ייִדן זײַנען דאָ מײַסטערס און געזעלן–צוקונפֿטיקע מײַסטערס מיט אַ בורזשואַזער פּסיכאָלאָגיע". בעת די קורסן זײַנען סוף כּל סוף געגרינדעט געוואָרן, איז די פּראָגראַם פֿון לימוד געווען: פֿאַר פּוילישע ייִדן—די פּוילישע „גראַמאָטע", פֿאַר ליטווישע ייִדן–די רוסישע, אָבער קיינעם איז ניט אײַנגעפֿאַלן, שרײַבט אַ. קאָטיק, אַז „מיט אַלע ייִדישע אַרבעטער קען מען און מ׳דאַרף לערנען נאָר אויף איין שפּראַך — ייִדיש". און מחמת דעם דאָזיקן אומשטאַנד זײַנען טאַקע די קורסן אין גיכן דורכגעפֿאַלן.[27] באַזוכנדיק בריסק אין 1887, דערציילט אַ. קאָטיק ווײַטער, האָט ער אין שטאָט קיין אַנדער שפּראַך ניט געהערט פֿון ייִדן ווי נאָר ייִדיש, אָבער קומענדיק אויף אַ זיצונג פֿונעם בריסקער קרײַזל, האָט ער קיין אַנדער שפּראַך ניט געהערט ווי נאָר רוסיש, און קיינער האָט ניט געמערקט די סתּירה. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, שוין בעת דער וועלט-מלחמה, האָט זיך אַ. קאָטיק געטראָפֿן אין ניזשני-נאָווגאָראָד מיט ליבינען, וואָס איז שוין צו יענער צײַט געווען אַ דאָקטאָר; אַ רוסישער נאַראָדניק, ווי אַ מאָל,

---

24 פּיִוול (פּאַוועל) בלאָך; פֿאַרשיקט אין 1888 אין יאַקוטסקער געגנט אויף 10 יאָר, שפּעטער פֿאַרבליבן וווינען אין סיביר; זע ב י אָ - ב י ב ל י אָ ג ר׳ ל ע ק ס י ק אָ ן, ב׳ 3 (80ער יאָרן), ז׳ 325 א״וו.

25 אַ. ק אָ ט י ק, דצ״וו, ז׳ 184 און 233, אויך אַרט׳ פֿון פּ ס ח ז אָ ן („אַלטער באַקאַנטער") אין ז״ב „25 יאָר" (וואַרשע 1922) ז׳ 35—50: אין וואַרשע ערבֿ דעם „בונד".

26 אַ. קאָטיק, ז׳ 152.

27 דאָרטן, ז׳ 237 און 244.

אַ סאָצ׳-רעוואָלוציאָנער און אַ רוסישער קולטור-טוער, איז ליבין אויך דעמאָלט געווען אַ שאַרפֿער געגנער פֿון אַ ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג און פֿון ייִדישער פּראָפּאַגאַנדע.

אין זײַנע זכרונות שטעלט זיך אָפּ אַ. קאַטיק אויספֿירלעך אויף דער פּערזאָן פֿון זײַן אַמאָליקן חבר שמואל ראַבינאָוויטש. אין דעם טייל, וואָס האָט אַ שײַכות צו דער וואַרשעווער תּקופֿה, שרײַבט ער: „ער, סאַמויל (אַזוי האָט מען אים אין קרײַזל גערופֿן), איז געווען פֿעיִקער, טיפֿער פֿון ליבינען, מיט אַ גרויסער נטיה צו טעאָרעטישע פֿראַגעס. אַ געלאַסענער, רויִקער... נאָך פֿאַרן גרינדן דעם רעוואָלוציאָנערן קרײַזל האָט שוין ראַבינאָוויטש געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און איז גוט געווען באַקאַנט מיט דער פּראָגראַם פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״. די פּראָגראַם, וואָס מיר האָבן אָנגענומען אין אונדזער קרײַז, האָט ער אויסגעאַרבעט צוזאַמען מיט ליבינען״.[28]

III

„אין איינעם אַ מאַי-טאָג 1886 — דערציילט ווײַטער ש. ראַבינאָוויטש — בין איך אָנגעקומען אויפֿן „גאַר די נאָר״ (צפֿון-באַן) אין פּאַריז און האָב זיך אַרומגעקוקט, אַז איך האָב בײַ מיר בסך-הכּל 9 פֿראַנק אין קעשענע. איך האָב געהאַט אַן אַדרעס צו לעאָן ראַבינאָוויטשן, דער שפּעטערדיקער באַקאַנטער העברעיִשער שרײַבער און רעדאַקטאָר פֿון „המליץ״, וואָס איך האָב אים גוט געקענט נאָך פֿון דער היים און מיט אים זיך דורכגעשריבן וועגן מײַן קומען״. ש. ראַבינאָוויטש דערציילט אויספֿירלעך, אין אַ האַלב הומאָריסטישן טאָן, וועגן זײַנע ערשטע טריט בײַם אָנקומען אין דער גרויסער פֿרעמדער שטאָט. היות ווי קיין אַנדער קאָמוניקאַציע איז ניט געווען, האָט ער געמוזט דינגען אַ „קאָשע״ (אַ קאַרעטע), מעשׂה פּריץ, ווי ער שרײַבט, און איז אַוועקגעפֿאָרן זוכן לעאָן ראַבינאָוויטשן, לויטן אַדרעס וואָס ער האָט בײַ זיך געהאַט. אָבער קומענדיק אַהין האָט ער זיך דערוווסט, אַז יענער האָט דעם אַדרעס געביטן, ער איז געבליבן אַליין אין מיטן גאַס מיט זײַן שווערן טשעמאָדאַן און האָט זיך געלאָזט שלעפּן צו פֿוס. אַ הונגעריקער, איז ער אַרײַן אין אַ קאַפֿע און געבעטן קאַווע מיט מילך און ברויט, אָבער אָנשטאָט דעם האָט מען אים דערלאַנגט שוואַרצע קאַווע מיט ליקער, צו וועלכע ער האָט זיך ניט צוגערירט, אָבער באַצאָלן האָט ער געמוזט, ביז ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו אַ „קרעמערי״ (אַ „מלעטשאַרניע״, ווי אין וואַרשע), און דאָ האָט ער פֿאַר 20 סאַנטים געקראָגן, לויטן פֿראַנצייזישן שטייגער, אַ פֿולע שיסל זיסע קאַווע מיט אַרײַנגעבראָקטן ברויט און געמוזט „עסן״ די קאַווע מיט אַ זופּן-לעפֿל. ווידער מיט אַ „קאָשע״ איז ער אַוועק ז״כן זײַנעם אַ צווייטן באַקאַנטן, דעם וואַרשעווער אויסגעשלאָסענעם סטודענט טאַרגאָלי, און דורך אים איז ער סוף כּל סוף געקומען צו לעאָן ראַבינאָוויטשן, וואָס האָט געוווינט אויף רי דע לאַ סאַנטע, בשכנות מיטן לאַטײַנישן קוואַרטאַל. ביז וואַנען וואָס, שרײַבט ש. ראַבינאָוויטש, איז זיך די גרעסטע העלפֿט פֿון זײַנע 9 פֿראַנק צעגאַנגען, און מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן זײַן קאַפּיטל פּאַריז.

„אין פּאַריז האָב איך אָפּגעלעבט 6 חדשים — פֿון מאַי ביז אָקטאָבער 1886. די שפּראַך האָב איך ווי ניט איז באַהערשט. בײַם ריידן — מיט די פֿראַנצייזישע „בלוזניקעס״ (די אַרבעטער), אין גאַס, אין די פּאַרקן, אין די רעסטאָראַנען און קאַפֿעס און אין די קרעמלעך — פֿלעג איך זיך באַנוצן מיטן טאַשן-ווערטערבוך פֿון סאָקאָלאָוון (דעם באַקאַנטן רוסישן ראַדיקאַלן מחבר פֿון „אָטשטשעפּענצי״), און אויב איבערן אַקצענט האָט מען מיך ניט פֿאַרשטאַנען, פֿלעג איך אָנשרײַבן וואָס כ׳האָב געוואָלט זאָגן און מען פֿלעגט מיר אויך שריפֿטלעך ענטפֿערן.

---

28 דאָרטן, ז׳ 168.

מײַן פּירער איבער פּאַריז איז געווען דער דערמאָנטער לעאָן ראַבינאָוויטש. ער איז געווען מיט אַ יאָר 10 עלטער פון מיר[29] און איז ניט געווען קיין קרובֿ פון מיר, אָבער איך האָב אים גוט געקענט נאָך פון אָשמענע, וווּהין ער פּלעגט קומען זײַנענדיק אַ ישיבֿה-בחור אַ פּאָר מאָל אין יאָר צו זײַן מוטער, וואָס האָט חתונה געהאַט אַ צווייט מאָל מיטן אָשמענער רבֿ, און האָט טאַקע געוווינט אין איין הויז מיט אונדז. דערנאָך האָט ער זיך באַוויזן אין וואַרשע, שוין ווי אַ סטודענט פון קיניגסבערגער אוניווער-סיטעט, פּלעגט אַרײַנקומען צום פֿאָטער ווײַזן אים זײַנע קאָרעספּאָנדענציעס פֿאַרן „המליץ" און „המגיד" און האָט מיר אַ פּאָר מאָל געגעבן פֿאַרבאָטענע דײַטשע ביכלעך (איך געדענק: שווייצערס ראָמאַן „עממאַ"). שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז ער איז אויס-געשלאָסן געוואָרן פון קיניגסבערגער אוניווערסיטעט פֿאַר „פּאָליטיק", און נאָך שפּעטער האָב איך פון אים באַקומען אַ בריוו, אַז ער איז אין פּאַריז, אַ סטודענט פון דער סאָרבאָנע".

„מיט וואָס אייגנטלעך ער האָט זיך אין פּאַריז באַשעפֿטיקט, איז מיר נאָך מײַן קומען ניט געווען קלאָר. די סאָרבאָנע, ווי ער האָט מיר דערקלערט, האָט ער אַוועקגעוואָרפֿן און איז געוואָרן אַ „פּיזיקער ערפינדער", האָט עפּעס געהאַט פּאַטענטן אויף כל המינים ערפינדונגען;[30] אין דער אמתן אָבער האָט ער געהונגערט, איז געווען אָרעם אָנגעטאָנען און אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט. ער איז געווען אַ שיינער יונג, מיט אַ פֿײַנער בלאָנדער באָרד, האָט ניט שלעכט געזונגען און נאָך בעסער דעקלאַמירט, אַ גוטער רעדנער — און דאַמען זײַנען פון אים געווען נתפּעל. ער האָט שוין דעמאָלט געהערט צו די „פּאַלעסטינאָפילן", האָט געהאַלטן פלאַמענדיקע רעדעס וועגן „יִדישע פויערים אויף יִדישער ערד, אין יִדישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע „אַבשטשינעס"; אין דער זעלביקער צײַט האָט ער זיך געהאַלטן פֿאַר אַ „רויטן" און האָט עפּעס געשריבן פֿאַרן אַנאַרכיסטישן „לאַ רעוואָלט", הגם איך בין ניט זיכער, צי האָט מען דאָרטן זײַנע אַרטיקלען געדרוקט. שפּעטער, אין 1890, בעת איך בין שוין געזעסן אין מאָסקווער טורמע „בוטירקי", האָט מיר מײַן פֿרוי בײַ אַ באַזוך דערציילט, אַז לעאָן געפֿינט זיך שוין אין מאָסקווע, אַז ער האָט גענומען אַ רײַכע כלה מיט אַ צען טויזנט רובל נדן און ער פֿאָרט אַריבער קיין פּעטערבורג, ווו ער וועט פֿאַרנעמען צעדערבוימס אָרט אין „המליץ". נאָך שפּעטער, שוין נאָך מײַן צוריקקומען פון סיביר, האָב איך זיך מיט אים ווידער געטראָפֿן. געווען איז דאָס אין סעפּטעמבער 1902, בעת דעם ציוניסטישן צוזאַמענפֿאָר אין מינסק. מיר, עטלעכע געוועזענע פֿאַרשיקטע אין סיביר, האָבן אויסגענוצט דעם לעגאַלן צוזאַמענפֿאָר אין מינסק און געטראָפֿן זיך דאָ (ס. קאָוואַליק, מ. סאָלאָמאָנאָוו, מ. אופלאַנד, ר. פּראַטאָס, איך, ריווקין און נאָך עמעצער, כ'געדענק איצט ניט ווער). דאָ האָב איך אויפֿגעזוכט לעאָנען, וואָס איז געווען אַ דעלעגאַט אויפֿן צוזאַמענפֿאָר. אָנשטאָט דעם אַמאָליקן מאָגערן אינטעליגענטן יונגן מאַן איז פֿאַר מיר איצט געשטאַנען אַ דיקער, פֿעטער פּאַרשוין, מיטן אויסזען פון אַ רוסישן „קופּיעץ" (סוחר), מיט אַ פֿאַרלאָשענעם גלאַנץ אין די קאָלירלאָזע אויגן... פון דעמאָלט אָן האָב איך אים מער ניט געזען און ווייס ניט, צי לעבט ער נאָך און ווו".[31]

„באַזעצט זיך אין פּאַריז, האָב איך באַשלאָסן אַרײַנצוטרעטן אין אַגראָנאָמישן אינסטיטוט און האָב זיך גענומען אַהין גרייטן. אָבער דערווײַלע האָט מען באַדאַרפֿט מאַכן אַ לעבן, און איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַן אײַנבינדערײַ. פֿאַר 8 שעה

---

29 דאָס איז אַ טעות: לעאָן ראַבינאָוויטש איז געבוירן אין 1862 און איז בכן געווען נאָר מיט פינף יאָר עלטער פון ש. ראַבינאָוויטשן.

30 פֿאַר איינער אַן ערפינדונג האָט לעאָן ראַבינאָוויטש באַקומען אויף דער פּאַריזער אויסשטעלונג 1890 אַ גאָלדענעם מעדאַל.

31 לעאָן ראַבינאָוויטש איז ערשט ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן — האַרבסט 1937 — אין לענינגראַד, אין עלטער פון 75 יאָר, אַ פֿאַרגעסענער פון אַלעמען.

אַרבעט האָט מען מיר געצאָלט 2 פראַנק אַ טאָג, און פאַר דעם געלט האָבן מיר ביידע געלעבט—איך און לעאָן. זעלטן, איין מאָל אין 2—3 חדשים, פלעג איך פון דער היים באַקומען צוגעשיקט 10 רובל. פון מײַן פאָטער האָב איך געהאַט רעקאָמענדאַציע-בריוו צו ערלאַנזשערן, דעם סעקרעטאַר פון באַראָן עדמאָנד ראָטשילד, צום „גראַן-ראַבען" צדוק-כהן, צום רבֿ לובעצקי, ווי אויך צו ד"ר ראַבינאָוויטשן, דעם באַקאַנטן איבערזעצער פון תּלמוד אין פראַנצייזיש.[32] סוף-כּל-סוף בין איך אוועק צו זיי; בײַם רבֿ לובעצקי און בײַ ערלאַנזשערן בין איך געווען צו עטלעכע מאָל, זיי האָבן מיך פאַרבעטן צו זיך שבת צו מיטאָג. דער שמועס צווישן אונדז פלעגט זיך געוויינטלעך אָנהייבן אין פראַנצייזיש, אָבער היות ווי דײַטש האָב איך באַהערשט בעסער ווי פראַנצייזיש, פלעגן מיר באַלד אַריבערגיין צו „דײַטש", אָדער ריכטיקער צו יענעם ספּעציפישן „זשאַרגאָן", וואָס ייִדן האָבן גערעדט אין פּאַריז, ווי למשל: „איך האָב מיך געטראָמפּעט" (איך האָב אַ טעות געהאַט) אד"גל. פאַרן שטודיום אין אַגראָנאָמישן אינסטיטוט האָט מען מיר צוגעזאָגט אַ סטיפּענדיע פון „אַליאַנס", פון באַראָן ראָטשילדס פאָנדן, אָבער דערפאַר האָב איך זיך באַדאַרפט מתחייבֿ זײַן נאָכן ענדיקן דעם אינסטיטוט אָפּצואַרבעטן אומזיסט ניט ווייניקער ווי 4 יאָר אין ראָטשילדס קאָלאָניעס אין ארץ-ישׂראל (אין ראש-פּינה א"אַ).

צו האַרבסט צו (1886) איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אי אַרבעטן אי שטודירן וועט מיר אין פּאַריז זײַן זייער שווער. אין אַגראָנאָמישן אינסטיטוט האָט מען דעם שׂכר-לימוד—1000 פראַנק—געמוזט אַרײַנטראָגן פאָרויס, און דאָס בין איך ניט געווען אין שטאַנד; חוץ לזה זײַנען די וואַרשטאַטן און די פערמע פון אינסטיטוט געווען אין צוויי פאַרשיידענע עקן שטאָט און מ'האָט באַדאַרפט פאָרן מיט עטלעכע אָמניבוסן (קיין עלעקטרישער טראַמוויי איז נאָך דעמאָלט אין פּאַריז ניט געווען), פאַרלירן עטלעכע שעה און אויסגעבן יעדן טאָג אויף די רײַזעס אַ פראַנק אָדער צוויי. אַ 1000 פראַנק אַ יאָר האָט נאָך געדאַרפט קאָסטן דאָס לעבן אין פּאַריז, און אין גאַנצן האָט מען מיר באַשטימט אַ סטיפּענדיע פון 500 פראַנק אויפן ערשטן יאָר. איך האָב דערזען, אַז דאָס איז קיין תּכלית ניט, און האָב באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין מאָנפּעליע, אין דרום-פראַנקרײַך, וווּ ס'איז אויך געווען אַן אַגראָנאָמישע שול, אַ מין טעכניקום, וווּ דאָס לערנען און לעבן אין איינעם האָט געדאַרפט קאָסטן ניט מער ווי 1000 פראַנק. איך האָב זיך אָבער דערוווּסט, אַז בײַם אַרײַנטרעטן אין מאָנפּעליע אין דער שול האָט מען באַדאַרפט אומבאַדינגט האָבן אייגנס צוויי פּאָר שטיוול, אַ טוץ וועש וכדומה, און בײַ מיר איז אַזוינס ניט געווען. דערצו האָב איך באַקומען אַ בריוו פון ראש-פּינה פון איינעם גורעוויטש, אַ געוועזענער ישיבֿה-בחור פון שקלאָוו, וואָס איך האָב אים אין וואַרשע אַ מאָל געגרייט—אומזיסט נאַטירלעך—צו די עקסטערן-עקזאַמענס אין גימנאַזיע; מיט דער הילף פון מײַן פאָטער האָט ער געענדיקט אין וואַרשע די שול פאַר גערטנערײַ און איז אַוועקגעפאָרן אויף פּראַקטיק קיין ראש-פּינה, און איצט האָט ער מיר געשריבן וועגן דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע, וואָס די פּראַקטיקאַנטן האָבן דאָרטן אויסצושטיין.

נאָך אַ ייִשובֿ-הדעת מיט מײַנע באַקאַנטע אין פּאַריז האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן שטודירן קיין ציריך, אין דער שווייץ, אין פּאָליטעכניקום; דאָרט האָב איך זיך געקענט

---

32 מישעל ערלאַנזשער (ערלאַנגער; 1828—1892), מיטגליד פון „אַליאַנס", פאַרוואַלטער פון ראָטשילדס פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, האָט צוזאַמען מיט שאַרל נעטער און איזידאָר לעב געהאָלפן שאַפן די ערשטע קאָלאָניעס אין ארץ-ישׂראל; יהודה לובעצקי איז געווען רבֿ פון די אײַנגעוואַנדערטע ייִדן אין פּאַריז, פּאָפּולער צווישן די פרומע עמיגראַנטן און אים האָבן זיי צו פאַרדאַנקען דעם אויסבוי פון עטלעכע שולן; צדוק-כהן איז געווען, פון 1868 אָן, דער הויפּט-ראַבינער פון פּאַריז; ישׂראל-מיכל ראַבינאָוויטש (1818—1893)—באַוווּסטער ייִדישער געלערנטער, איבערזעצער פון תּלמוד אין פראַנצייזיש און מחבר פון תּלמודיש-פילאָלאָגישע און מעדיצינישע ווערק אין פראַנצייזיש; האָט געשטאַמט פון גראָדנע.

אײַנאָרדענען פֿיל װעלװעלער, װי אין פֿראַנקרײַך. מיט מײַן באַשלוס בין איך צום לעצטן מאָל אַװעק צו ערלאַנזשערן, װעלכער האָט מיר אַרױסגעגעבן בתּור אַװאַנס פֿון מײַן סובסידיע 250 פֿראַנק. נאָכן ערשטן קװאַרטאַל האָב איך אים פֿון ציריך געשריבן װעגן דעם פֿאַרלױף פֿון מײַן שטודיום און האָב פֿון אים באַקומען נאָך 125 פֿראַנק. נאָך דעם האָט ער װעגן מיר אין גאַנצן פֿאַרגעסן".

„קומענדיק קיין פּאַריז האָב איך פֿון װאַרשע געהאַט אַ „לאָזונג" (אַ „פּאַראָל") צו פּיאָטער לאַװראָװון פֿון ליבינען און צו סטאַניסלאַװ מענדעלסאָנען פֿון אולריכן. אין פּאַריז האָב איך אָנגעהױבן באַזוכן די פֿאַרזאַמלונגען פֿונעם „פֿאַראײן פֿון די רוסישע אַרבעטער", װאָס האָט אין פֿראַנצײזיש געטראָגן דעם נאָמען Société des ouvriers russes.[33] דער דאָזיקער פֿאַראײן, װי מען האָט דעמאָלט דערציילט, האָט זיך געגרינדעט נאָך אין יאָר 1869 פֿון אַ פּאָר צענדליק עמיגראַנטן–דאָס זאָלן געװעזן זײַן טשערניגאָװער פּױערים, װאָס זײַנען געװען פֿאַרמישט אין פּראָצעס פֿון די „נעטשאַיעװצעס"; שפּעטער זאָל באַקונין האָבן אַרײַנגענומען די גרופּע אין זײַן „רוסישער סעקציע" פֿון אינטער-נאַציאָנאַל.[34] מיט דער צײַט זײַנען זיך די דאָזיקע עמיגראַנטן צעפּאָרן, װער אין דער פֿראַנצײזישער פּראָװינץ און װער קיין אַמעריקע אָדער אַנדערש װוּ, און אין פֿאַראײן זײַנען פֿאַרבליבן בסך-הכּל 6 מענטשן. אין 1878, װי מ'האָט װײַטער דערציילט, זײַנען צוגעקומען נאָר אַ פּאָר רוסישע פּױערים, װאָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון רוסלאַנד נאָך דער באַקאַנטער „טשיהירינער געשיכטע" פֿון סטעפּאַנאָװיטש, דײַטש און באָכאַנאָװסקי. צום אָנהײב די 80ער יאָרן זײַנען אין פֿאַראײן פֿאַרבליבן נאָר אַ 5—6 מיטגלידער, אָבער דאָ זײַנען צוגעקומען די ייִדישע עמיגראַנטן, װאָס זײַנען געלאָפֿן פֿון די רוסישע פּאָגראָמען און זײַנען אױפֿן װעג קיין אַמעריקע געבליבן שטעקן אין פּאַריז. דאָ זײַנען זײ דאָס רובֿ געװאָרן בעלי-מלאָכות, אַרבעטער — זעצערס, שנײַדערס, קאַסקעטערס, אױסאַרבעטער פֿון שפּילגעצײַג וכדומה. דער פֿאַראײן איז אַזױ אַרום אױסגעװאַקסן און האָט געציילט, װי מ'זאָגט, ביז 60—80 מיטגלידער. צו דעם מאָמענט, װען איך האָב דעם פֿאַראײן באַזוכט (אַ 2—3 מאָל, ניט מער), האָב איך דאָרט געטראָפֿן אױף די פֿאַרזאַמלונגען אַ 30—50 מענטשן. צו די אַרבעטער זײַנען צוגעשטאַנען אױך אײניקע סטודענטן און פּאָליטישע עמיגראַנטן, װאָס האָבן נאָך אַלץ קיין פֿראַנצײזיש ניט געקענט, מיט די פֿראַנצײזישע ענינים זיך װײניק אינטערעסירט און זײַנען ניט אַרױס פֿון די ד' אַמות פֿון זײער ענגן קרײַז — פֿון דעם פֿאַראײן און הױז פֿון דער „רוסישער קאָלאָניע", װוּ עס איז געװען אַ ביבליאָטעק און אַ גאָרקיך, אױף רי דע לאַ גלאַסיער. הגם איך האָב געװױנט בשכנות מיט דער „קאָלאָניע", האָב איך אָבער פֿאַר די 6 חדשים, װאָס כ'האָב פֿאַרבראַכט אין פּאַריז, נאָר אײן מאָל ריזיקירט אַהין אַרײַנצוקוקן, מחמת מ'האָט מיך געװאָרנט, אַז דאָרטן דרײען זיך אַרום ניט װײניק פּראָװאָקאַטאָרן און שפּיאָנען, און ס'איז געזינטער אױסצומײַדן דאָס הױז פֿון דער רוסישער קאָלאָניע.

---

33 ש. ראַבינאָװיטש באַמערקט דערבײַ, אַז דער פֿאַראײן פֿלעגט אָפּהאַלטן זײַנע פֿאַרזאַמלונגען אױפֿן מאָנמאַרטר, אָבער, װי ס'איז באַקאַנט פֿון אַנדערע מקורים, פֿלעגן די פֿאַרזאַמלונגען פֿאָרקומען אין קאַפֿע „טרעזאָר" אין ייִדישן קװאַרטאַל—אױפֿן „פּלעצל" (זע װײַטער אין דעם באַנד דעם אַרט' „פּיאָטער לאַװראָװ און די ייִדישע סאָציאַליסטן-עמיגראַנטן"); דאָרטן פֿלעגט זיך אױך פֿאַרזאַמלען דער „ייִדישער אַרבעטער-פֿאַראײן"; די בײדע פֿאַראײנען האָבן זיך אין גיכן צונױפֿגעגאָסן.

34 מיר האָבן אין ערגעץ אין דער רוסישער רעװאָלוציאָנערער ליטעראַטור ניט געפֿונען קײן באַשטעטיקונג פֿון דעם סיפּור-המעשׂה װעגן „טשערניגאָװער פּױערים", װאָס זאָלן האָבן אין 1869 (פֿאַרן פּראָצעס פֿון די נעטשאַיעװצעס?) עמיגרירט קײן פּאַריז, װי אױך ניט װעגן אַנטלאָפֿענע פּױערים קײן פּאַריז נאָך דער טשיהירינער געשיכטע (זע װײַטער). דאָ מוז זײַן עפּעס אַ טעות. מ'דאַרף אױך באַמערקן, אַז געגרינדעט אַ „רוסישע סעקציע" פֿון אינטערנאַציאָנאַל האָט ניקאָלאַי אוטין, באַקונין האָט געגרינדעט פֿון זײַן זײַט די „סלאַװישע סעקציע", בײדע—אין דער שװײץ.

אין דעם דערמאָנטן „פֿאַראיין פֿון רוסישע אַרבעטער“ האָט מען מיר באַלד פֿאָרגעשלאָגן צו האַלטן אַ רעפֿעראַט; איך האָב מסכּים געווען און אויסגעקליבן די טעמע וועגן דער רוסישער „אָבשטשינע“, וואָס וועגן איר האָב איך געזאַמלט מאַטעריאַל נאָך זײַענדיק אין וואַרשע. מײַן ערשטער אַרויסטריט איז געווען ניט איבעריק געראָטן; קעגן מיר איז אַרויסגעטראָטן לאָפּאַטין (אַ ברודער פֿון הערמאַן לאָפּאַטין),[35] אַן אַנטלאָפֿענער פֿון סיביר, וועלכער האָט מיך צעקלאַפּט מיט אַרגומענטן פֿון פּלעכאַנאָווס „נאַשי ראַזנאָגלאַסיאַ“, וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָר פֿאַר דעם אַרויס, און איך האָב די דאָזיקע בראָשור נאָך ווייניק געקענט. די מיטגלידער פֿון פֿאַראיין זײַנען אָבער קאָנטיק געווען יאָ מיט מיר צופֿרידן און האָבן מיך געבעטן לייענען בײַ זיי נאָך אַ מאָל. לערך אין יענער צײַט האָט פּ. לאַווראָוו געהאַלטן אין דעם פֿאַראיין זײַן רעפֿעראַט „נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם“, וואָס איז שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדער בראָשור“.[36]

בדרך כּלל אָבער האָב איך זיך געהאַלטן מן הצד פֿון די רוסישע — ריכטיקער יִדישע — עמיגראַנטן און האָב געזוכט מער אַ התקרבֿות צו די פֿראַנצייזישע אַרבעטער, די „בלוזניקעס“. דעמאָלט האָט גראָד אויסגעבראָכן דער שטרײַק אין דעקאַזוויל (צפֿון-פֿראַנקרײַך), אָנגעפֿירט פֿון די באַוווּסטע אַנאַרכיסטישע טוער לויִזע מישעל און קראָפּאָטקין. איך געדענק, ווי אויף איינעם אַ מיטינג פֿון די שטרײַקערס, אין אַ טעאַטער לעבן פּלאַץ פֿון דער רעפּובליק, האָב איך געהערט אַ רעדע פֿון לויִזע מישעל, וועלכע האָט אויסגעשריען: „A bas les Rothschilds!“ „A la Seine les Rothschilds!“ (אַראָפּ מיט די ראָטשילדס! אין דער סענע די ראָטשילדס!); פֿאַר דער רעדע האָט זי באַקומען 3 חדשים תּפֿיסה. בײַם אַרויסגיין פֿון טעאַטער האָט אונדז אַרומגערינגלט די פּאָליצײַ, און איך האָב באַקומען מיט עפּעס איבערן קאָפּ, וואָס דערפֿון בין איך געקומען צו זיך ערשט אין פּאָליצײַ-רעוויר, פֿון וואַנען מען האָט מיך באַלד באַפֿרײַט.

דורך לעאָן ראַבינאָוויטשן האָב איך זיך באַקענט אין פּאַריז מיט אַ פֿאַמיליע פֿון אָדעס, מיטן נאָמען, דוכט מיר, בערמאַן. ביידע, דער מאַן און די פֿרוי, זײַנען אַ גאַנצן טאָג געווען פֿאַרנומען בײַ דער אַרבעט און אַרײַנקומען צו זיי האָט מען געקענט נאָר אין אָוונט. בײַ זיי האָב איך צום ע ר ש ט ן מ אָ ל אין מײַן לעבן דערזען סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס אין י ִ ד י ש: די „ניו-יאָרקער פֿאָלקסצײַטונג“ און דעם לאָנדאָנער „אַרבייטער-פֿרײַנד“.[37] די צײַטונגען האָבן מיך אַזוי פֿאַרכאַפּט, אַז איך האָב זיי תּיכּף אויסגעשריבן אין 10 עקזעמפּלאַרן און האָב זיי דורך בריוו אַריבערגעשיקט קיין רוסלאַנד צו מײַנע פֿרײַנד אין פֿאַרשיידענע שטעט. איך האָב זיי געשיקט צו ליבינען קיין וואַרשע און פֿון דאָרטן זײַנען זיי דורך יצחק סלאָנימסקין דערגאַנגען קיין בריסק און דורך פּאַוועל בלאָכן קיין ביאַליסטאָק און פֿון דאָרטן קיין ווילנע און מינסק. די ביידע צײַטונגען זײַנען געווען פֿול מיט פּרטים וועגן דעם פּראָצעס פֿון די שיקאַגער אַנאַרכיסטן, בעת

---

35 ווערט זיכער געמײנט ניקאָלאַי לאָפּאַטין; ער איז געווען אַ שוועסטערקינד און ניט אַ ברודער פֿונעם באַוווּסטן נאַראָדאָוואָלישן פֿירער הערמאַן לאָפּאַטין. שפּעטער, אין 1888, האָט ער אָנגעגעבן דער רעגירונג אַ בקשה וועגן באַגנעדיקונג און האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד.

36 דעם רעפֿעראַט האָט לאַווראָוו געהאַלטן אין אָקטאָבער 1886, דאָס מײנט אין אַ פּאָר חדשים און ניט אין אַ פּאָר יאָר אַרום (זע דעם אַרטיקל ווײַטער וועגן לאַווראָוון); דער גענויער נאָמען פֿון דער בראָשור איז: Национальность и социализм (זשענעווע 1887).

37 דער ריכטיקער נאָמען: „ניו-יאָרקער יִדישע פֿאָלקסצײַטונג“ (געווען אויך אַ ד ײַ ט ש ע „ניו-יאָרקער פֿאָלקסצײַטונג“), אַרויס פֿון יוני 1886 ביז סוף 1889, אונטער דער רעד' פֿון אב. בראַסלאַווסקי און מ. מינץ. פֿאַקטיש די ערשטע יִדישע סאָציאַליסטישע צײַטונג אין אַמעריקע, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסן קיום. „אַרבייטער-פֿרײַנד“ — די ערשטע סאָציאַליסטישע צײַטונג אין יִדיש, אַרויס אין לאָנדאָן פֿון 1885, אונטער דער רעד' פֿון פֿיליפּ קראַנץ.

זעקס אַנאַרכיסטישע טוערס זײַנען פֿאַר אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד קעגן דער פּאָליציי פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט".[38]

ווי ס'איז שוין פֿריִער געווען אָנגעוויזן, איז ש. ראַבינאָוויטש האַרבסט 1886 אַריבערגעפֿאָרן פֿון פּאַריז קיין ציריך און איז דאָ אַרײַנגעטראָטן אין פּאָליטעכניקום דאָ איז ער פֿאַרבליבן ביז סוף 1887 און איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פֿון דער רוסישער עמיגראַנטישער קאָלאָניע. ער האָט זיך באַטייליקט אינעם „סאָציאַליסטיש־ליטעראַרישן פֿאָנד" און איז, צוזאַמען מיטן נאַראָדאָוואָלעץ געאָרגי בעק, געווען איינער פֿון די גרינדער פֿונעם רוסישן „סאָציאַליסטישן קלוב" און דער פֿאַרוואַלטער פֿון דעם לייענזאַל פֿון קלוב. „איך האָב צונויפֿגעזאַמלט אין דעם קלוב — דערציילט ער — אַלע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן, וואָס זײַנען אַרויס ביזן יאָר 1886, און האָב אויך אויסגעשריבן און אויסגעלייגט די דערמאָנטע צוויי יִדישע צײַטונגען — די „ניו־יאָרקער פֿאָלקסצײַטונג" און דעם לאָנדאָנער „אַרבייטער־פֿרײַנד".

אין ציריך איז ראַבינאָוויטש אויך צוגעשטאַנען צו דער נאַראָדאָוואָלישער גרופּע, וואָס האָט געהאַט דעם צוועק צו העלפֿן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין רוסלאַנד, אָבער וועגן זײַן שײַכות צום ענגן „טעראָריסטישן קרײַז", וואָס איסאַק דעמבאָ (איז אַנטלאָפֿן פֿון ווילנע און געלעבט אין ציריך אונטערן נאָמען ברינשטיין) און דער פּוילישער רעוואָלוציאָנער דעמבסקי האָבן דאָ געגרינדעט, דערמאָנט ראַבינאָוויטש גאָרניט; ער דערציילט נאָר, אַז ער איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיט דעמבסקין בײַ זײַנע צוויי גרויסע אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן קיין רוסלאַנד, וואָס וועגן זיי איז די רייד ווײַטער. אין דער ציריכער קאָלאָניע, דערציילט ראַבינאָוויטש, האָט ער זיך געטראָפֿן מיט קלאַראַ צעטקין, דער שפּעטער באַקאַנטער ראַדיקאַלער דײַטשער סאָצ׳־דעמאָקראַטישער טוערין, וועלכע מ'האָט אים פֿאָרגעשטעלט „ווי די ערשטע דײַטשע פּאָליטישע עמיגראַנטקע".[39] „עטלעכע טעג אָדער וואָכן — דערציילט ראַבינאָוויטש ווײַטער — האָט בײַ מיר אין צימער אין ציריך געלעבט דער סטודענט גאַרמידאָר, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון כאַרקאָוו און האָט אין דער שווייץ אָנגענומען דעם נאָמען באַראַנאָוו;[40] שפּעטער איז ער אַריבערגעפֿאָרן קיין פּאַריז".

## IV

ווי ס'איז שוין פֿריִער געווען אָנגעוויזן, האָט ש. ראַבינאָוויטש בײַם אָנקומען קיין פּאַריז געהאַט פֿון וואַרשע רעקאָמענדאַציעס צו מענדעלסאָנען און לאַווראָוון. סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן, אַ זון פֿון אַ יִדישן באַנקיר אין וואַרשע, האָט געהערט צו די פֿירער פֿון דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, באַקאַנט נאָך פֿון דער צײַט פֿון „קראָקעווער פּראָצעס" (1880), גרינדער און מיטרעדאַקטאָר פֿון די אָרגאַנען „רוונאָסטש", „פּשעדשוויט" און „וואַלקאַ קלאַס", שפּעטער איינער פֿון די גרינדער פֿון דער פּפּ"ס. אין יענער צײַט האָט ער געלעבט אין פּאַריז, אין איינעם מיט מאַריאַ יאַנקאָווסקאַ (זײַן פֿרוי), וואָס האָט געשטאַמט פֿון אַ רײַכער פּוילישער שליאַכטישער פֿאַמיליע, אויך אַ באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערין. מענדעלסאָן, איידער ער האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז, האָט נאָך קראָקע געאַרבעט אין דײַטשלאַנד; אָנהייב די

[38] זע וועגן דעם אויספֿירלעך בײַ ה. בורגין, די געשיכטע פֿון דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג (ניו־יאָרק 1915), ז׳ 117—120, 132—234.

[39] איר מאַן איז געווען דער רוסיש־יִדישער רעוואָלוציאָנער־עמיגראַנט אָסיפּ צעטקין, וואָס האָט געשטאַמט פֿון אָדעס, איינער פֿון די גרינדער פֿונעם פּאַריזער „פֿאַראיין פֿון די יִדישע אַרבעטער" אין 1883.

[40] מ. באַראַנאָוו, שפּעטער איינער פֿון די פּיאָנירן פֿון דער סאָציאַליסטישער זשורנאַליסטיק אין לאָנדאָן און דערנאָך אין אַמעריקע.

80ער יאָרן איז ער פֿון דאַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן, און ביסמאַרק האָט דעמאָלט געזאָגט וועגן אים: „ניט לויט זײַן נאַציאָנאַליטעט נאָך און ניט לויט זײַן פּראָפֿעסיע האָט ער אייגנטלעך קיין שום שײַכות ניט צום דײַטשן פּראָלעטאַריאַט"—אַ רמז דערויף, אַז ער איז אַ ייִד פֿון פּוילן און אַ באַנקירס אַ זון.[41] אין יענער צײַט, ווען ראַבינאָוויטש איז געקומען קיין פּאַריז, זײַנען מענדעלסאָן און יאַנקאָווסקאַ געשטאַנען אין צענטער פֿון דער פּוילישער עמיגראַציע און דער אויסלענדישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט; זיי האָבן אים וואַרעם אויפֿגענומען און מקרבֿ געווען.

ש. ראַבינאָוויטש האָט זיך אויך געטראָפֿן מיט פּיאָטער לאַווראָוון, וואָס איז געווען די צענטראַלע פֿיגור פֿון דער פּאָליטישער עמיגראַציע אין אויסלאַנד. פֿאַר זײַן אויבן דערמאָנטן רעפֿעראַט אין „רוסישן אַרבעטער-פֿאַראיין" האָט ש. ר. באַדאַרפֿט נייטיק אַ בוך, וואָס עס איז געווען צו קריגן נאָר בײַ לאַווראָוון. מיט אַ רעקאָמענדאַציע נאָך פֿון וואַרשע און פֿון מענדעלסאָנען איז ער אַוועק צו אים און איז דאָ פֿרײַנדלעך אויפֿגענומען געוואָרן. „היות ווי אויף לאַווראָווס דירה—דערציילט ש. ר.—האָט מען שטענדיק געהאַלטן אויג, פֿלעג איך פֿון פֿאָרזיכטיקייט וועגן ניט באַזוכן זײַנע באַרימטע אָוונטן (אַלע דאָנערשטאָג), ווו די גאַנצע קאָלאָניע איז זיך צונויפֿגעקומען, און געוויינטלעך פֿלעגן מיר זיך מיט אים טרעפֿן בײַ מענדעלסאָן און יאַנקאָווסקאַ אין דירה". ש. ראַבינאָוויטש שרײַבט ווײַטער, אַז ער איז שפּעטער געוואָרן לאַווראָווס סעקרעטאַר בײַם טראַנספּאָרטירן קיין רוסלאַנד דעם נומער 5 פֿון „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָליִ", וואָס יענער האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן; „איך האָב זיך דעמאָלט געהאַלטן פֿריִער פֿאַר אַלץ פֿאַר אַ „נאַראָדאָוואָלעץ" און דערנאָך שוין פֿאַר אַ ,פּראָלעטאַריאַטשיק׳ ".

„צו יענער צײַט אין פּאַריז האָב איך זיך גענומען פֿאַר מײַן איבערזעצונג פֿון דיקשטיינס בראָשור „פֿון וואָס איינער לעבט" אין ייִדיש. דער געדאַנק פֿון אַזאַ איבער-זעצונג איז בײַ מיר אויפֿגעקומען נאָך בעת איך בין געווען אין וואַרשע, אין 1885. קיין שום „נאַציאָנאַליסטישע" אידעען האָב איך דערבײַ ניט געהאַט, נאָר פּשוט, אַרבעטנדיק צווישן ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטערינס, וואָס האָבן קיין אַנדער שפּראַך חוץ ייִדיש ניט געקענט, און רעדן ייִדיש איז מיר געווען שווער, האָב איך דערפֿילט, אַז עס פֿעלט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור אין יענער שפּראַך, וואָס די דאָזיקע אַרבעטער האָבן אַלע גוט פֿאַרשטאַנען. די „קולטורטרעגערישע" אַרבעט, וועלכע איך און מײַנע חבֿרים האָבן געפֿירט—אויסצולערנען אַפֿריִער די צוהערער די רוסישע און פּוילישע „גראַמאַטע"—האָט אונדז ניט באַפֿרידיקט; דער וועג איז געווען צו אַ לאַנגער, בעת מ'האָט געקענט פֿיל לײַכטער צוקומען צו דער מאַסע אין איר שפּראַך. איך האָב געפֿילט, אַז אַליין פֿאַרפֿאַסן די נייטיקע ליטעראַטור אין ייִדיש וועל איך ניט קענען, אָבער איבערזעצן וועט מיר אָנקומען ניט שווער.

אַ שטיקל פּראַקטיק אין איבערזעצונגען האָב איך שוין געהאַט פֿון פֿריִער. מיט אַ יאָר אָדער צוויי פֿריִער (אין 1883), בעת איך בין נאָך ניט געווען ענג פֿאַרבונדן מיט רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, האָב איך בשותּפֿות מיט נאָך אַ פּאָר חבֿרים-גימנאַזיסטן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אויף אַ העקטאָגראַף די לעקציעס פֿון געאָגראַפֿיע פֿון אונדזערן אַ לערער און פֿאַרקויפֿן זיי די תּלמידים פֿון די נידעריקע קלאַסן. דאָס איז געווען אַ ריין קאָמערציעלע אונטערנעמונג. אָבער צופֿעליק איז מיר איין מאָל אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט לאַסאַלס „מהות פֿון קאָנסטיטוציע" און זײַן „אַרבעטער-פּראָגראַם" אין דײַטש, וואָס האָבן אויף מיר געמאַכט זייער אַ שטאַרקן אײַנדרוק. דײַטש האָב איך

---

41 זע ל. טיכאָמיראָוו, Воспоминания („גאָסאיזדאַט", מאָסקווע 1927), ז׳ 323. סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן איז שפּעטער אין גאַנצן אַוועק פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; אין 1913 האָט ער רעדאַקטירט די ליבעראַלע פּויליש-ייִדישע צײַטונג Przegląd Codzienny אין וואַרשע. ער האָט חתונה געהאַט מיט נחום סאָקאָלאָווס טאָכטער.

געקענט פֿון קינדווײַז (די ערשטע געדרוקטע אותיות, וואָס דער פֿאָטער האָט מיר געוויזן, זײַנען געווען דײַטשע), און מיר איז אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק איבערצוזעצן לאַסאַלס בראָשורן אין רוסיש אָדער פּויליש; אַז אַזעלכע איבערזעצונגען זײַנען שוין צו יענער צײַט געווען אין אומגאַנג, האָב איך זיך דערוווּסט ערשט אַ סך שפּעטער. איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן מײַנע קענטענישן צו „קאָכן" די העקטאָגראַפֿישע מאַסע, און האָב בשתּיקה פֿון מײַנע „שותּפֿים" איבערגעזעצט די ביידע בראָשורן אין דרײַ שפּראַכן און אָפּגעדרוקט געהיים צו עטלעכע צענדליק עקזעמפּלאַרן אין יעדער שפּראַך.[42] די דאָזיקע העקטאָגראַפֿישע איבערזעצונגען האָב איך צעגעבן מײַנע באַקאַנטע ייִדישע, רוסישע און פּוילישע אַרבעטער. אַז מײַנע „שותּפֿים" האָבן זיך צופֿעליק דערוווּסט וועגן מײַן אונטערנעמונג, האָבן זיי באַקומען גרויס פּחד, זײַנען אויף מיר אָנגעפֿאַלן מיט זידלערײַען און צוגענומען בײַ מיר דעם העקטאָגראַף, די אַנילין-טינט און דאָס פּאַפּיר, מחמת די אמתע בעלי-בתּים פֿון דער סחורה זײַנען געווען זיי: אין אונדזער אונטערנעמונג זײַנען זיי געווען די „קאַפּיטאַליסטן" און איך דער „אַרבעטער", דער אויספּירער.

אין איבערזעצונגען האָב איך בכן שוין געהאַט אַ שטיקל געניטקייט. אָבער וואָס אַזוינס זאָל מען נעמען איבערזעצן פֿאַר דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע? לאַסאַל איז ניט געווען גענוג פּאָפּולער פֿאַר זיי, אַקעגן די באַקאַנטע רוסישע אומלעגאַלע בראָשור Хитрая механика איז פֿאַרן ייִדישן עולם געווען צו פּשוט און לײַכט, זי איז מער געווען צוגעפּאַסט פֿאַרן רוסישן אַרבעטער, דעם האַלבן פּויער, ווי פֿאַר דעם אַנטוויקלטן ייִדן, דעם שטאָטישן אײַנוווינער. און איך האָב זיך דאַן אָפּגעשטעלט אויף דער פּוילישער בראָשור פֿון ש. דיקשטײַן („יאַן מלאָט") „פֿון וואָס איינער לעבט",[43] וואָס איז גראָד געווען ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר דער ייִדישער פּסיכיק. איך האָב זיך גענומען פֿאַר דער אַרבעט און ביז מײַן אָפּפֿאָר פֿון וואַרשע (אין אַפּריל–מאַי 1886) האָב איך שוין געהאַט איבערגעזעצט לערך אַ פֿערטל פֿון דער בראָשור. די דאָזיקע איבערזעצונג צוזאַמען מיט מײַן אויך ניט פֿאַרענדיקטן רעפֿעראַט וועגן דער רוסישער „אָבשטשינע", וועלכן איך האָב שפּעטער געלייענט אינעם פּאַריזער רוסישן אַרבעטער-פֿאַראיין (זע אויבן), האָב איך מיטגעבראַכט קיין פּאַריז. דאָ האָב איך זיך גענומען ווײַטער פֿאַר מײַן איבערזעצונג פֿון דיקשטיינען און האָב איין מאָל וועגן דעם דערציילט אין אַ שמועס לאַוראָוון. לאַוראָוו האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם געדאַנק צו שאַפֿן ליטעראַטור אין ייִדיש פֿאַר ייִדישע אַרבעטער. אָבער ווי מאַכט מען דאָס? ווו נעמט מען ייִדישן שריפֿט און ייִדישע זעצערס? אין זשענעווע, אין דער דרוקערײַ פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", איז אַזוינס ניט געווען בנמצא; קיין געלט אויף אײַנקויפֿן ייִדישן שריפֿט האָבן מיר ניט

42 אפשר נאָר אין אויסצוגן, מחמת די דאָזיקע בראָשורן זײַנען גאַנץ גרויסע?

43 שמעון דיקשטיין (1858—1884)—אַ פּיאָניער פֿון פּוילישן סאָציאַליזם, איינער פֿון די גרינדער פֿון ערשטן „פּראָלעטאַריאַט". נאָך אין 1878 אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד; רעדאַקטאָר פֿון „פּשעדשוויט" און „וואַלקאַ קלאַס" צוזאַמען מיט סט. מענדעלסאָנען. שוין אָנהייב די 80ער אַריבער צום מאַרקסיזם און אין 1883 אַרויסגעלאָזט, אונטערן פּסעוודאָנים יאַן מלאָט, זײַן קלאַסישע פּאָפּולערע באַאַרבעטונג פֿון מאַרקס' טעאָריע וועגן מערוווערט און עקאָנאָמישן קאַמף, אונטערן נאָמען Kto z czego żyje וואָס איז אַ סך מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און אויך איבערגעזעצט אין רוסיש און פֿון ש. ראַבינאָוויטשן אין ייִדיש. דיקשטיין האָט געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צו נאַטור-וויסנשאַפֿט און בכלל גרויסע פֿעיִקייטן, אָבער אין 1884, צו 26 יאָר, האָט ער אין בערן פּלוצים זיך גענומען דאָס לעבן, ווי מ׳רעכנט—מחמת פּערזענלעכע מאָטיוון. זע זײַן ביאָגראַפֿיע: ביאָ-ביבליאָגראַפֿישער לעקסיקאָן, ב׳ 3 (80ער יאָרן), ה׳ 1, ז׳ 1164 א״וו, וווּ ס׳איז אָנגעוויזן די ליטעראַטור וועגן אים אין רוסיש; זע אויך פּראָפֿ׳ לודוויק קשיוויצקיס זכרונות וועגן דיקשטיינען אין זשורנאַל Niepodległość, 1933 (2טע אויפֿלאַגע), ב׳ 1, העפֿט 1, ז׳ 80—103, אויך דאָרטן זײַן „ווידוי" פֿאַרן טויט; אין ייִדיש איז דער אַרטיקל אָפּגעדרוקט אין דער „טאַשן-ביבליאָטעק" (וואַרשע 1932), נו׳ 9; זע אויך וועגן אים דעם אַרטיקל פֿון ד״ר מ. ווײַנרײַך אין „פֿאָרווערטס", ניו-יאָרק פֿונעם 21 אַפּריל 1935.

געהאַט, און לאַווראָוו האָט מיך אָפּגעשיקט צו מענדעלסאָנען, וועלכער האָט סובסידירט פֿון זײַנע מיטלען ניט בלויז די פּוילישע אויסגאַבעס, ווי „וואַלקאַ קליאַס" און „פּשעדשוויט", נאָר אויך די רוסישע — דעם „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי" און די אַנדערע.

איך האָב דערפֿירט מײַן איבערזעצונג ביז דרײַ פֿערטל און בין אַוועק צו מענדעלסאָנען, וועלכן איך האָב שוין געקענט פֿון פֿריִער. מענדעלסאָן, הגם ער איז געווען אַ זון פֿון אַ ייִדישן באַנקיר אין וואַרשע, האָט אָבער ניט געקענט לייענען קיין ייִדיש, און דאָ איז יאַנקאָווסקאַ געפֿאַלן אויף אַזאַ עצה: „איך האָב—האָט זי געזאָגט— אַ באַקאַנטן „גוי", וואָס וועט דאָס קענען דורכלייענען". דער דאָזיקער „גוי" איז געווען יאַן דאַשינסקי (דער ברודער פֿון דעם שפּעטער באַקאַנטן פֿירער פֿון דער פּפּ"ס איגנאַץ), וואָס איז קורץ פֿאַר דעם באַפֿרײַט געוואָרן פֿון קראָקעווער תּפֿיסה און איז געווען פֿאַרמישט אין דעם פּראָצעס פֿון „פּראָלעטאַריאַט". בעת מיר האָבן זיך מיט אים געטראָפֿן און איך האָב אים באַוויזן מײַן מאַנוסקריפּט, האָט ער אויך אַרויסגענומען אַ מאַנוסקריפּט, וואָס ער האָט אים באַקומען פֿון איינעם אַ ייִדן אין גאַליציע און וואָס האָט געטראָגן דאָס קעפּל „ווער פֿין ווּס לײַבט", געשריבן מיט אַ ריין גאַליציאַנער שפּראַך, וואָס איז געווען ווייניק פֿאַרשטענדלעך ניט נאָר פֿאַר אונדז, ליטוואַקעס, און פֿאַר ייִדן פֿון דרום-רוסלאַנד, נאָר אַפֿילו פֿאַר ייִדן פֿון די פּויליש-רוסישע גובערניעס. די שפּראַך אָבער פֿון מײַן איבערזעצונג איז געווען אַ געמיש פֿון די אַלע דיאַלעקטן און געווען פֿאַרשטענדלעך פֿאַר ייִדן פֿון אַלע געגנטן.

מען האָט דעריבער אָנגענומען מײַן איבערזעצונג, און מענדעלסאָן האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן זי, ווי די ערשטע ייִדישע בראָשור פֿון דער „ביבליאָטעק פֿון ייִדישן אַרבעטער", בײַם פֿאַרלאַג „וואַלקאַ קליאַס". יאַנקאָווסקאַ האָט די ערשטע געגעבן 100 פֿראַנק אין פֿאָנד פֿון דער „ביבליאָטעק". מענדעלסאָן האָט זיך גענומען צו שאַפֿן ייִדישן שריפֿט, און מיט דעם באַשלוס האָב איך פֿאַרלאָזן פּאַריז און בין אַוועקגעפֿאָרן קיין ציריך, וווּ איך האָב באַדאַרפֿט פֿאַרענדיקן מײַן איבערזעצונג. כּמעט גלײַכצײַטיק מיט מיר איז אַהין אַריבערגעפֿאָרן אויך יאַן דאַשינסקי (שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר געשטאָרבן אין דער שווייץ פֿון טובערקולאָז). אין ציריך האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דער רוסישער איבערזעצונג פֿון דיקשטיינס בראָשור, וואָס פּ. אַקסעלראָד האָט געמאַכט,[44] און דאָס האָט מיר געהאָלפֿן צו פֿאַרענדיקן מײַן אַרבעט. פֿון דער רוסישער אויסגאַבע האָב איך אויך גענומען די הקדמה, אויב איך האָב קיין טעות ניט (דיקשטיינס ביאָגראַפֿיע). די בראָשור האָב איך אַ נאָמען געגעבן „פֿון וואָס איינער לעבט" און געחתמעט האָב איך זיך ווי דער איבערזעצער „מרדכי בן שאול": מרדכי — מײַן צווייטער נאָמען און שאול—דער ערשטער נאָמען פֿון מײַן פֿאָטער.

ווינטער 1886—1887 זײַנען קיין ציריך געקומען מענדעלסאָן און יאַנקאָווסקאַ וועגן זייערע ענינים און האָבן מיר געבראַכט די בשׂורה, אַז אין פֿאָנד פֿון דער „ייִדישער ביבליאָטעק" איז שוין פֿאַראַן אַ סכום פֿון 500 פֿראַנק, אָבער כּדי אײַנצוקויפֿן ייִדישן שריפֿט דאַרף מען האָבן ניט ווייניקער פֿון איבער 1000 און אפֿשר די גאַנצע 2000 פֿראַנק, און דערצו דאַרף מען נאָך געפֿינען אין זשענעווע, וווּ מ'האָט געהאַט בדעה די בראָשור צו דרוקן, אַ ייִדישן זעצער. גראָד דעמאָלט איז דורכגעפֿאָרן ציריך, אויפֿן וועג קיין פּאַריז, דער רוסישער ראַדיקאַלער טוער קוליאַבקאָ-קאָרעצקי, אַ בלינדער, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן אַרויסצוגעבן אין אויסלאַנד אַ רוסישן ליבעראַלן

---

44 דאָ איז אַ טעות: די רוסישע איבערזעצונג פֿון דער בראָשור איז אַרויס אונטער פּ ל עכ אַ נ אָ ווס רעדאַקציע און מיט זײַן הקדמה (1885), און אַקסעלראָד האָט דערצו קיין שײַכות ניט געהאַט.

אָרגאַן מיטן נאָמען „סאַמאָופּראַוולעניע".[45] ער האָט מיר געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג, אַז ער איז גרייט צו דעקן די הוצאות פֿון אַ גאַנצן אומלעגאַלן טראַנספּאָרט קיין רוסלאַנד, ווו די ייִדישע בראָשור אין איינעם מיט די אַנדערע אומלעגאַלע אויסגאַבעס וועלן קענען אַרײַן, אויב מיר וועלן נעמען אויף זיך אַריבערצופֿירן אויך זײַן נײַעם פּראָיעקטירטן אָרגאַן. מענדעלסאָן האָט דערצו מסכּים געווען און ביז וואַנען וואָס געקומען בײַ אים אַן „צוואַנס", וואָס האָט אונדז שפּעטער געקלעקט אויפֿן גאַנצן גרויסן טראַנספּאָרט פֿון 5 פּוד ליטעראַטור אין עטלעכע שפּראַכן, מיט וועלכן איך האָב זיך שפּעטער צוועקגעלאָזט אומלעגאַל קיין רוסלאַנד.

דערווײַל האָט מענדעלסאָן גענומען בײַ מיר דעם מאַנוסקריפּט פֿון מײַן איבער-זעצונג, און פֿרילינג 1887 האָב איך באַקומען פֿון אים אַ בריוו פֿון פּאַריז, אַז ער האָט זיך געזען מיט פֿיליפּ קראַנצן, דעם רעדאַקטאָר פֿון „אַרבייטער-פֿריינד" אין לאָנדאָן, וואָס איז דורכגעפֿאָרן פּאַריז, און יענער האָט זיך אונטערגענומען אָפּצודרוקן זי אין דרוקערײַ פֿון „אַרבייטער-פֿריינד" אין גאַנצן פֿאַר 500 פֿראַנק, ווי מיר געדענקט זיך. און אַזוי איז דאָס טאַקע געשען".

„סוף זומער אָדער אָנהייב האַרבסט 1887 האָב איך אין ציריך ענדלעך באַקומען פֿון פּאַריז, פֿון מענדעלסאָנען, אַ פּאָסטפּאַקעט מיט 500 עקזעמפּלאַרן פֿון מײַן בראָשור, קליינע ביכלעך אין אַ רויטער הילע.[46] אויפֿן אינעווייניקסטן שער איז געשטאַנען:

<u>סאָציאַליסטישע ביבליאָטהעק אין אידיש-דייטש</u>

פון וואס
איינער לעבט

Kto z czego żyje

Napisał

Jan Młot

איבערזעצט אויס דעם פּאָלנישען פון

מרדכי בן שאול

---

London
Wernik & Solotkoff, Printers
5, Lower Chapman St. Cannon St. Rd., E.
1887

אויף דער רויטער הילע, וואָס מענדעלסאָן האָט געלאָזט אָפּדרוקן אין זשענעווע, איז געשטאַנען נאָר אין פּויליש:

<u>Biblioteczka Robotnika Żydowskiego</u>

Jan Młot

Kto z czego żyje

Na żydowski przełożył M. Sz.
Nakładem „Walki Klas"

Genewa 1887.

---

45 ניקאָלאַי קוליאַבקאָ-קאָרעצקי — אַ רוסישער ראַדיקאַלער טוער און אַדוואָקאַט, וואָס איז געקומען קיין אויסלאַנד מיטן געדאַנק צו שאַפֿן אַן אָרגאַן, וואָס זאָל פֿאַראייניקן די רעוואָלוציאָנערע און ליבעראַלע ריכטונג, און האָט אַרויסגעלאָזט דעם זשורנאַל Самоуправление („זעלבסטפֿאַרוואַלטונג"), אַרויס 4 נומערן. מיט זײַן שטיץ האָט די „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" אַרויסגעגעבן דעם ז"ב „סאָציאַל-דעמאָקראַט" (1888).

46 דאָס ביכל האָט געהאַלטן 64 זײַטן, קליינער פֿאָרמאַט.

דעם איבעריקן טייל — מסתמא די העלפט — האָט מענדעלסאָן איבערגעלאָזט ביי זיך. איך האָב באַלד, אין קליינע פּאַקעטן צו 10 — 15 שטיק, אָפּגעשיקט די בראָשור דורך פּאָסט איבער עסטרייך (פעלדקירכן — קראָקע) צו ליבינען און קאַסיושן קיין וואַרשע און צו פּאַוועל בלאָכן קיין ביאַליסטאָק, און פון דאָרטן איז זי אַוועק ווייטער קיין ליטע און פוילן; איך האָב אויך געשיקט קיין ריגע, מיטאַווע און קאַטערינאָסלאַוו, לויט די אַדרעסן, וואָס איך האָב ביי זיך צופעליק געהאַט. דער גרעסטער טייל פון דער בראָשור איז אָבער אַוועק מיטן גרויסן טראַנספּאָרט פון אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס איך אַליין טאַקע האָב אין גיכן אַריבערגעפירט איבער דעם גרענעץ און אַליין פונאַנדער-געפירט איבער פאַרשיידענע שטעט אין רוסלאַנד.

די געשיכטע פון דעם טראַנספּאָרט איז געווען אַזאַ. סוף דעצעמבער 1887 איז פאַרטיק געוואָרן אין דרוק דער ערשטער נומער פונעם דערמאָנטן רוסישן ליבעראַלן אָרגאַן Самоуправление און אין הסכם מיטן אָפּמאַך צווישן קוליאַבקאָ-קאָרעצקי און סט. מענדעלסאָן איז ער אַריין אין אונדזער טראַנספּאָרט, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געגרייט פאַר רוסלאַנד. דער טראַנספּאָרט איז געווען אַ גרויסער, פון 5 פוד, און האָט געהאַלטן אומלעגאַלע אויסלענדישע ליטעראַטור אין אַלע שפּראַכן, צווישן זיי זיינען געווען דער ציריכער „סאָציאַלדעמאָקראַט" אין דייטש, דער 5טער נומער „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי", „וואַלקאַ קליאַס", „פּשעדשוויט", בראָשורן פון ליבקנעכט און בעבעל, פּלעכאַנאָווס „נאַשי ראַזנאָגלאַסיאַ", די בראָשור „פון וואָס איינער לעבט" אין פּויליש; פון די יידישע אויסגאַבעס זיינען, חוץ מיין איבערזעצונג פון דער בראָשור, געווען נאָך די „ניו-יאָרקער פאָלקסציייטונג" און דער לאָנדאָנער „אַרבייטער-פריינד". דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט האָט אַלעקסאַנדער דעמבסקי געבראַכט צו פירן קיין פריייבורג, אין דייטש-לאַנד, און פון דאָרטן האָב איך אים איבערגענומען און געפירט ווייטער איבער קיניגסבערג, טילזיט און יורבעריק ביי דעם רוסיש-דייטשן גרענעץ און ווייטער קיין קאָוונע. פון מענדעלסאָנען האָב איך באַקומען דעם אַדרעס פון לעוו יאָגיכעס אין ווילנע און פון לודוויק סאַוויצקי אין ריגע; די אַנדערע אַדרעסן האָב איך אַליין געהאַט, אָדער באַקומען זיי פון איין שטאָט אין דער צווייטער. אַזוי אַרום האָב איך פונאַנדערגעפירט די מיטגעבראַכטע אומלעגאַלע ליטעראַטור איבער אַ גאַנצער ריי שטעט: קאָוונע, ווילנע, וואַרשע, פּינסק, מינסק, ריגע, מאָסקווע, כאַרקאָוו, קאַטערינאָסלאַוו און אַנד'.[47] איך געדענק אַ ריי נעמען פון חברים אין פאַרשיידענע פּונקטן, וועמען איך האָב די ליטעראַטור איבערגעגעבן: ליבינען, וויינבערגערן, קאַסיושן, קאַספּשאַקן — אין וואַרשע, לודוויק סאַוויצקין — אין ריגע, שמולעוויטשן, פּראָטאָסן און בעלאָכן — אין מינסק; פון וואַרשע האָבן די חברים דורך סלאָנימסקין און די אַנדערע אַריבערגעשיקט קיין ביאַלי-סטאָק און ווייטער. איך האָב אויך געבראַכט קיין ווילנע און איבערגעגעבן יאָגיכעסן, דעם סטודענט סעליצקין, קאָפּעלזאָנען און סווערדלאָוון. אין ווילנע, געדענק איך, האָט דער לעצטער, ראַפאַיל סווערדלאָוו[48], פון מיין בראָשור אַראָפּגעריסן די פּוילישע רויטע הילעס און האָט זיי איינגענייט אין קליינע סידורימלעך, זאָגנדיק דערביי: „נו, זאָל אָקאָרשט די פּאָליציי איצט זוכן!"... אַזוי האָט מען אויך געטאָן אין די אַנדערע שטעט".

צ. קאָפּעלזאָן („טימאָפעי"), וואָס האָט אין יענע יאָרן אָנגעפירט, אין איינעם מיט לעוו יאָגיכעסן און סווערדלאָוון, די קריייזלעך אין ווילנע, דערציילט וועגן זיין באַגעגעניש מיט ש. ראַבינאָוויטשן און דעם רושם, וואָס זיין יידישע בראָשור האָט

---

47 אין אַן אַנדער נאָטיץ דערמאָנט דער מחבר אויך די שטעט: ביאַליסטאָק, בריסק, דענעבורג, מאָהילעוו, ראָוונע, מאָזיר, האָמעל און אויך פּעטערבורג און אַדעס.

48 ראַפאַיל סווערדלאָוו („כוראָזשניק") איז געווען איינער פון די פּיאָניערן פון דער באַוועגונג אין מינסק און שפּעטער אין ווילנע, אַן אַרבעטער; זע וועגן אים ווייטער אין דעם באַנד, אין דער ביאָגראַפיע פון עמיל אַבראַמאָוויטשן.

געמאַכט. „איך בין מיט ראַבינאָוויטשן אַוועק צום דרוקער [זעצער] סוועדלאָוו און האָב פֿון אים באַקומען אַ פּעקעלע שײנינקע ביכעלעך אין ייִדיש, מיט רויטינקע פֿאָדער־בלעטלעך. איך בין באַגײַסטערט געוואָרן אויף דעם קוקנדיק און האָב עס פּשוט געקושט ווי אַ הייליקייט. אין גיכן האָבן מיר עס אָנגעהויבן צו פֿאַרשפּרייטן צווישן די רעוואָלוציאָנערע קרײַזן, וועלכע האָבן זיך מיט די קלײנע ביכעלעך מחיה געווען".[49] אין אַן אַנדער אָרט, אין זײַנע זכרונות, שרײַבט קאָפּעלזאָן: „ענדע 1889[50] האָבן מיר באַקומען פֿון אויסלאַנד אײניקע הונדערט עקזעמפּלאַרן דיקשטיינס בראָשור „פֿון וואָס אײנער לעבט" אין ייִדיש... ד אָ ס ב י כ ל א י ז ב ײַ א ו נ ד ז ג ע װ אָ ר ן אַ מ י ן ת ּ ו ר ה, און מען פֿלעגט דאָס לעזן און דעבאַטירן וועגן אים אין אַלע אַרבעטער־קרײַזלעך. אין משך פֿון אַ געוויסער צײַט איז דיקשטיינס ביכל געווען די אײנציקע און בעסטע בראָשור, וואָס מיר האָבן דאַן פֿאַרמאָגט אין ייִדיש".[51] אײנער פֿון די עלטסטע אַרבעטער־טוער, יצחק פּסחזאָן, דערציילט אין זײַנע זכרונות וועגן די יונגע קרײַזלעך אָנהייב די 90ער אין וואַרשע, ווי ער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַקענט דורך זײַן חבֿר מענדל שניאורסאָן מיט אַן אומלעגאַלן „טריף־פּסול"—און דאָס איז געווען די בראָשור „פֿון וואָס אײנער לעבט", וועלכע האָט אים „אַנטפּלעקט אַ נײַע וועלט".[52]

די מעשׂה מיט דער דאָזיקער ערשטער מאַרקסיסטישער בראָשור אין ייִדיש, דער ערשטער אויסלענדישער ייִדישער בראָשור, וואָס האָט אומלעגאַל אַרײַנגעדרונגען אין ייִדישן תּחום,[53] איז בכלל באַקאַנט געוואָרן לפֿי ערך גאָר ניט לאַנג; פֿריִער האָט קײנער ניט חושד געווען, ווער איז געווען איר איבערזעצער און ווי זי איז געקומען אויף דער וועלט. אָבער אויך די, וואָס האָבן די פֿראַגע די ערשטע אויפֿגעקלערט, האָבן די געשיכטע איבערגעגעבן ניט גאָר ריכטיק, מיט אײניקע וויכטיקע טעותן. ה. בורגין, אין זײַן געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג (1915), האָט דער ערשטער דערמאָנט די בראָשור, אָבער ער ווייס נאָך ניט, אַז הינטער דעם פּסעוודאָנים „מרדכי בן שאול" באַהאַלט זיך ש. ראַבינאָוויטש, און האָט אָן אַ שום יסוד באַהויפּט, אַז די איבערזעצונג „איז אויסגעבעסערט געוואָרן פֿון פֿיליפּ קראַנץ".[54] פֿון דאַנען אַ פּנים איז די באַהויפּטונג אַריבער אין אַנדערע ביבליאָגראַפֿישע מקורים.[55] אַבֿרהם קאַטיק, וואָס האָט דער ערשטער,

---

49 ציט' לויט א ב א ל ע װ ו, די ערשטע אומלעגאַלע בראָשור אין ייִדיש, אין „עמעס" (מאָסקווע) פֿונעם 2 אָקטאָבער 1928 (מינדלעכע מיטטיילונג פֿון קאָפּעלזאָנען).

50 קלאָר אַ טעות: ניט סוף 1889, נאָר אָנהייב 1888, ווי מיר ווייסן עס גענוי לויט ש. ראַבינאָוויטשעס עדות.

51 צ מ ח ק אָ פּ ע ל ז אָ ן, די ערשטע שפּראָצונגען (זכרונות), געדר' אין „אַרבעטער־לוח", וואַרשע, 1922, ז' 67.

52 זע: אַ ן אַ ל ט ע ר ב אַ ק אַ נ ט ע ר [י. פּסחזאָן], אין וואַרשע ערבֿ דעם „בונד", אין ז"ב „25 יאָר" (וואַרשע 1922), ז' 43—44. דער דערמאָנטער מענדל שניאורסאָן איז געווען אַ ברודער פֿון אַ. קאַטיקס חבֿר באָריס ש. און בײַ אים האָט זיך עס אויפֿגעהיט די אַמאָליקע ביבליאָטעק פֿון וואַרשעווער קרײַזל. אַ. קאַטיק שרײַבט וועגן אים, אַז ער איז געווען אַן אײניקל פֿון ליאַדיער רבין און „ער האָט געברענט מיט רעוואָ־לוציאָנערער התלהבֿות".

53 פּ. ק ו ר ס ק י, אין זײַן נאָטיץ וועגן ראַבינאָוויטשעס בראָשור, שרײַבט, אַז דער אַלטער ב. פֿײַגנבוים האָט אים אַ מאָל דערציילט, אַז די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור, ווינטשעווסקיס „יהי אור", איז געשיקט געוואָרן אין רוסלאַנד נאָר אין ג ע צ י י ל ט ע עקזעמפּלאַרן; זע „וואָכנשריפֿט" (וואַרשע), פֿון 18טן אַפּריל 1934, נו' 17.

54 ה. ב ו ר ג י ן, דצ"וו, ז' 193; דאָ איז על פּי טעות אָנגעוויזן, אַז דיקשטיינס בראָשור איז אַרויס אין 1888—1889.

55 פֿג"ל, למשל, דעם ציט' אַרטיקל פֿון אַ ב אַ ל ע ו ו אין „עמעס" פֿון 2טן אָקטאָבער 1928 און ז. ר ײ ז ע נ ס לעקסיקאָן, ב' A, ז' 45.

אין זײַנע זכרונות (1925), מיטגעטיילט וועגן ש. ראַבינאָוויטשן און וועגן דער געשיכטע פֿון דער איבערזעצונג, האָט אָבער געמאַכט אַ צווייטע פֿאַלשע באַהויפּטונג, אַז סט. מענדעלסאָן און דאַשינסקי האָבן ניט מסכּים געווען זי אַרויסצולאָזן, ווײַל „אָננעמען אַזאַ „משונהדיקן" פּלאַן ווי דרוקן ביכלעך אין „זשאַרגאָן" איז פּסיכאָלאָגיש פֿאַר זיי געווען נאָך ווײניקער מעגלעך",[56] און דעריבער איז ראַבינאָוויטש אַוועקגעפֿאָרן קיין לאָנדאָן צום „אַרבייטער-פֿרײַנד" און דאָרט אָפּגעדרוקט זײַן ביכל, — און ווידער איז דאָס אַריבער אין די אַנדערע באַשרײַבונגען.[57] וועגן די דאָזיקע באַהויפּטונגען שרײַבט ש. ראַבינאָוויטש: „עס איז לחלוטין פֿאַלש, אַז פֿיליפּ קראַנץ זאָל האָבן „רעדאַקטירט" מײַן איבערזעצונג; קראַנץ איז געווען ניט מער ווי אַ פֿאַרמיטלער צווישן סט. מענדעלסאָנען (דעם „פּראָלעטאַריאַט"), פֿון איין זײַט, און דער לאָנדאָנער דרוקערײַ — פֿון דער צווייטער. ניט ער איז געווען מחויב און ניט ער האָט געהאַט דאָס רעכט עפּעס אין דעם מאַנוסקריפּט צו ענדערן, און די בראָשור איז טאַקע אָפּגעדרוקט געוואָרן געני לויטן טעקסט, וואָס איך האָב צוגעשטעלט". מיר ווילן פֿון זיך נאָך צוגעבן, אַז פֿ. קראַנץ, הגם ער איז געווען אַ גאַנץ געבילדעטער מאַרקסיסט, איז נאָך דעמאָלט ניט געווען ראוי אויסצובעסערן דעם סטיל אין ייִדיש, מחמת ער איז געוויס געווען אַ שוואַכערער ייִדיש-קענער ווי ראַבינאָוויטש, וואָס האָט געבראַכט פֿון דער היים אַ גוטע ליטוויש-פּויליש ייִדישע שפּראַך. „ניט ריכטיק איז אויך — שרײַבט ווײַטער ראַבינאָוויטש — אַן אַנדער אָנווײַז, אַז מענדעלסאָן זאָל זיך האָבן אָפּגעזאָגט פֿון מײַן פֿאָרשלאָג אַרויסצוגעבן די איבערזעצונג; פֿאַרקערט: ווי מיר האָבן געזען, האָט ער דאָס געשאַפֿן די נייטיקע געלטמיטלען, האָט אויף זיך גענומען די גאַנצע איניציאַטיוו און האָט אויך אָפּגעמאַכט מיט פֿיליפּ קראַנצן".

דאָס ביכל „פֿון וואָס איינער לעבט" האָט, חוץ זײַן ראָלע פֿון דער ערשטער קיין רוסלאַנד טראַנספּאָרטירטער סאָציאַליסטישער ייִדישער אויסגאַבע, אויך דעם פֿאַרדינסט, וואָס דאָ איז צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן אין ייִדיש אַ מאַרקסיסטישע

---

56 אַ. קאָטיק דצ״וו, ז׳ 172.

57 פֿג״ל דעם אַרט׳ פֿון אבא לעוו (אויך ביאָגראַפֿיע פֿון ש. ראַבינאָוויטש אין ז. רייזענס לעקסיקאָן, ב׳ 4). אבא לעווס אַרטיקל איז בכלל פֿאַרגרײַזט: אַזוי שרײַבט ער, אַז ש. ראַבינאָוויטש האָט נאָכן „אָפּזאָג" פֿון סט. מענדעלסאָן „לאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיט זײַן פּלאַן", אַז ניט קענענדיק רעאַליזירן אים אין זשענעווע, איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין פּאַריז, דערנאָך איז ער געפֿאָרן קיין לאָנדאָן; דאָס אַלץ איז לחלוטין פֿאַלש. ער פֿאַרמישט אויך יאַן דאַשינסקין מיט זײַן ברודער איגנאַץ, דעם באַוווּסטן פֿירער פֿון דער פּפּ״ס. פֿאַלש איז אויך זײַן באַהויפּטונג, אַז ש. ראַבינאָוויטש האָט פֿאַרלאָזן וואַרשע „אין עטלעכע חדשים אַרום" נאָכן גרינדן דעם אומלעגאַלן קרײַז, בעת אין דער אמתן — ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום. צו דעם נאַראָדאָוואָלישן קרײַז אין וואַרשע, וווּהין ש. ר. איז אַרײַנגעטראָטן אין 1884, רעכנט צו אבא לעוו אַ רײ נעמען, וואָס ווערן לחלוטין ניט דערמאָנט ניט פֿון ראַבינאָוויטשן גופֿא און ניט פֿון אַ. קאָטיקן און וואָס האָבן טאַקע ניט געהערט צו זייער קרײַזל (זע אויבן, קאַפּ׳ 1 און 2), ווי למשל: פֿאַניע שטײַן, שׂרה שאַוועל, על. גאָרדאָן, לייב קאָלאָדנע פֿון פּינסק, לייב זונדעלעוויטש א״אַ. ער דערמאָנט אויך דעם נאָמען פֿון אַננאַ ליפּשיץ און באַמערקט דערבײַ, אַז זי האָט שפּעטער געגומען אַ גרויסן אָנטייל אינעם פּאָטיאָמקין-אויפֿשטאַנד אין אָדעס אין 1905 („עמעס" פֿון 2טן אָקט׳ 1928 ז׳ 2); פּ. קורסקי אין זײַן דערמאָנטער נאָטיץ האָט שוין אָנגעוויזן אויף דער דאָזיקער אומגעלומפּערטקייט, מחמת אַננאַ ליפּשיץ פֿונעם פּאָטיאָמקין-אויפֿשטאַנד (אַ בונדיסטקע) איז אין 1884 אַלט געווען בסך-הכּל 6 יאָר! (זע „וואָכנשריפֿט", וואַרשע, נו׳ 17 פֿון 18טן אַפּריל 1934); פֿ״גל אויך די „באַמערקונגען" פֿון ש. ראַבינאָוויטשן צו אבא לעווס אַרט׳, געדרוקט אין „וואָכנשריפֿט", וואַרשע, 1934, נו׳ 14 (אין „וואָכנשריפֿט", נו׳ 8 און 9 פֿון דעם יאָר, איז געווען איבערגעדרוקט אבא לעווס ציט׳ אַרטיקל פֿון „עמעס"). רחל ליפּשיץ, וואָס ווערט פֿון אבא לעוון אויך דערמאָנט, איז געווען וו. ליבינס כּלה, האָט מיט אים חתונה געהאַט, ווען ער איז געזעסן אין וואַרשעווער ציטאַדעל, און שפּעטער פֿרײַוויליק אַוועק מיט אים קיין סיביר אויף פֿאַרשיקונג; זע וועגן איר קאָטיקס זכרונות, ז׳ 214.

עקאָנאָמישע טערמינאָלאָגיע און דערצו אין אַ פּאָפּולערער פֿאָרם; די שפּראַך פֿון דער איבערזעצונג איז בכלל אַ ריינע און קאָרעקטע. אויף וויפֿל די דאָזיקע בראָשור איז געווען פּאָפּולער, קען מען זען פֿון דעם פֿאַקט, וואָס שפּעטער, כמעט ביז אונדזער צײַט, זײַנען אַרויס אַ ריי נײַע אויפֿלאַגעס פֿון איר. נאָך אין 1890 זאָל מען זי אין וואַרשע האָבן אַרויסגעגעבן אין אַ העקטאָגראַפּירטער פֿאָרם (לויט אַ נאָטיץ אין „פּשעדשוויט" 1893, נו' 1). אין 1900 האָט דער „בונד" אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד אַ געדרוקטע אויפֿלאַגע פֿון דער בראָשור אין 5000 עקז'.[58] אין 1905 האָט דער בונדישער פֿאַרלאַג „אַרבעטער-שטימע" אין וואַרשע אַרויסגעלאָזט אַ לעגאַלע אויסגאַבע פֿון דער בראָשור, מיט אַ הוספֿה צום סוף פֿון ג. פּלעכאַנאָוו (34 ז', הוספֿה — 5 ז', 10.000 עקז), אָבער זי איז באַלד קאָנפֿיסקירט געוואָרן; אינעם זעלביקן יאָר 1905 האָט דער „בונד" זי אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד, אין זשענעווע. אין 1906 איז זי אַרויס לעגאַל אין בונדישן פֿאַרלאַג „די וועלט" אין וואַרשע, אין 1918 — אין פֿאַרלאַג „לעבנס-פֿראַגן", אין 1922 — צוויי אויפֿלאַגעס אין פֿאַרלאַג „די וועלט"; דער איבערזעצער איז אומעטום ניט אָנגעוויזן. ווי ז. רייזען שרײַבט אין דער ביאָגראַפֿיע פֿון ש. ראַבינאָוויטשן, אין „לעקסיקאָן", איז דער טעקסט אין די דאָזיקע אויסגאַבעס כמעט ניט געענדערט, חוץ קליינע סטיליסטישע שינויים. עס זאָלן געווען זײַן אויך אויסגאַבעס פֿון אַנדערע פּאַרטייען; אַזוי, למשל, איז באַקאַנט אַן אויסגאַבע, וואָס די פּפּ"ס האָט נאָך אין 1901 אַרויסגעלאָזט אין לאָנדאָן. אין זײַן בריוו צו אונדז שרײַבט ש. ראַבינאָוויטש, אַז עס זאָלן האָבן דערשײַנט 18 אויסגאַבעס פֿון זײַן איבערזעצונג.

בנוגע דער דערמאָנטער ערשטער אויסגאַבע פֿון „בונד" אין 1900 איז פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פֿון דאָס נײַ דורך י. בלומשטיינען; בכן זײַנען אויך די שפּעטער איבערגעדרוקטע דורכן „בונד" אויפֿלאַגעס ניט ראַבינאָוויטשעס איבערזעצונג. אין דער פֿאָרם איז דאָס זיכער ניט ריכטיק: ראַבינאָוויטש, וואָס ווייס אַגבֿ ניט פֿון אַזאַ באַהויפּטונג, שרײַבט בפֿירוש אין זײַנע נאָטיצן, אַז אין די איבערגעדרוקטע אויסגאַבעס האָט ער געפֿונען זײַן טעקסט. מעגלעך, אַז י. בלומשטיין האָט אין 1900 אַרײַנגעטראָגן אויסבעסערונגען אָדער קליינע ענדערונגען אין ראַבינאָוויטשעס טעקסט, און די גאַנצע איבערזעצונג איז אַזוי אַרום פֿאַרשריבן געוואָרן אויף זײַן נאָמען.[59]

## V

די חדשים יאַנואַר — מערץ 1888 איז ראַבינאָוויטש געווען פֿאַרנומען מיט פֿונאַנדערפֿירן די טראַנספּאָרטן אין רוסלאַנד און אין אַפּריל-מײַ האָט ער זיך ווידער אומגעקערט קיין פּאַריז מיט דער כוונה צוצוגרייטן נײַע טראַנספּאָרטן און אומקערן זיך צוריק קיין רוסלאַנד.

„געקומען קיין פּאַריז, האָב איך זיך בײַ מענדעלסאָנען און יאַנקאָווסקאַ דערוווסט וועגן דער בגידה פֿון לעוו טיכאָמיראָוו, וואָס איז בינתים פֿאָרגעקומען, און וועגן זײַן חרטה-בוך La Russie.[60] די דאָזיקע ידיעה האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ שטאַרקן

58 זע „יִדישער אַרבעטער" (אויסלענדישער אָרגאַן פֿון „בונד"), נו' 10 (1900), ז' 75.

59 וועגן י. בלומשטיין, דעם ערשטן איבערזעצער פֿונעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט" אין יִדיש, זע ווײַטער אין א. טשעריקאָווערס אַרטיקל וועגן די ערשטע אומלעגאַלע אויסגאַבעס.

60 דאָ איז אַ טעות: ל. טיכאָמיראָוו בראָשור La Russie politique et sociale איז אַרויס נאָך אין מערץ 1886, דאָס מיינט נאָך איידער ש. ראַבינאָוויטש איז דעם ערשטן מאָל געקומען פֿון וואַרשע קיין פּאַריז; טיכאָמיראָווס חרטה-בוך הייסט: Почему я перестал быть революционером? און איז אַרויס ערשט אין אויגוסט 1888, בעת ראַבינאָוויטש איז שוין געווען אַרעסטירט אין קאָוונע. אָבער אין די קרײַזן פֿון דער פּאַריזער עמיגראַציע האָט מען שוין פֿריִער געוווּסט, אַז עס גרייט זיך אַזאַ בוך פֿו.עם רענעגאַט טיכאָמיראָוו, און משמעות, אַז די דאָזיקע סענסאַציע האָט מען מיטגעטיילט ראַבינאָוויטשן נאָך זײַן צוריקקומען קיין פּאַריז. וועגן דעם אַרויסלאָז פֿון די דערמאָנטע אויסגאַבעס און דער באַציִונג פֿון דער עמיגראַציע זע: לעוו טיכאָמיראָוו, Воспоминания (מאָסקווע 1927, „גאָסאיזדאַט"), ז' 188 — 342.

אײַנדרוק, אַז איך בין אויפֿן אָרט געפֿאַלן אין חלשות, און מ'האָט מיך געמוזט אָפּמינטערן"...

„פֿון מענדעלסאָנען בין איך אויך געוואָר געוואָרן, אַז אין דער צײַט, וואָס איך בין געווען אין רוסלאַנד, איז אין פּאַריז פֿאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפֿערענץ, וואָס האָט באַשלאָסן צונויפֿצורופֿן בעת דער פּאַריזער אויסשטעלונג אין 1889 אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל צוריק אויפֿשטעלן דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און זאָל אַגבֿ אויך פּראָקלאַמירן דעם 1טן מײַ פֿאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום-טובֿ. מענדעלסאָן האָט מיר געמאַכט דעם פֿאָרשלאָג, אַז איך זאָל זיך באַלד אומקערן צוריק קיין רוסלאַנד מיט אַ נײַעם טראַנספּאָרט און דערבײַ אויך שטעלן זיך דאָרט אין פֿאַרבינדונג מיט די פּוילישע און רוסישע רעוואָלוציאָנערע טוער וועגן דעלעגירן זייערע פֿאָרשטייער צו דעם קאָנגרעס: פֿונעם „פּראָלעטאַריאַט", פֿון דעם רעשט „נאַראָדאָוואָלצעס", וואָס זײַנען דעמאָלט געווען צעבראָכן, און די אַנדערע גרופּעס. איך האָב ניט לאַנג געטראַכט און אין גיכן האָב איך זיך געלאָזט צוריק קיין רוסלאַנד. אויפֿן וועג בין איך פֿאַרפֿאָרן קיין ציריך, וווּ מיר האָבן צונויפֿגעשטעלט דעם נײַעם טראַנספּאָרט ליטעראַטור, און אין יולי 1888 האָב איך, אין איינעם מיט אַלעקסאַנדער דעמבסקי („אָלעס") און יאַדקאָ,[61] וואָס זײַנען מיטגעפֿאָרן, פֿאַרלאָזט ציריך. דעמבסקי האָט זיך פֿון וועג אומגעקערט צוריק, יאַדקאָ האָט זיך אַ קער געטאָן אויף פּויזן און איך אויף קיניגסבערג. דאָ איז בײַ די דײַטשע חבֿרים נאָך פֿאַרבליבן אַ רעשט פֿון פֿריִערדיקן טראַנספּאָרט; איך האָב דעם טראַנספּאָרט אָפּגעפֿירט קיין טילזיט און אַריבערגעפּעקלט אים דורך די קאָנטראַבאַנדיסטן, און איך אַליין בין אַריבערגעפֿאָרן בײַ יורבעריק דעם גרענעץ לעגאַל, מיט אַ דײַטשן פּאַס אויפֿן נאָמען „מאַקס ראָסקוס", און בין אָנגעקומען קיין קאָוונע.

דאָס מאָל האָט מיר אָבער ניט אָפּגעגליקט און אויפֿן וואָקזאַל אין קאָוונע האָט מען מיך אַרעסטירט; געווען איז דאָס דעם 27סטן יולי (8טן אויגוסט) 1888. בײַם אַרעסט האָט מען בײַ מיר גאָרנישט געפֿונען, מחמת מײַן טראַנספּאָרט האָב איך אַ טייל אַריבערגעפּעקלט געהיים און אַ טייל האָב איך איבערגעלאָזט פֿון יענער זײַט גרענעץ, האָבנדיק בדעה זיך שפּעטער נאָך אים אומצוקערן. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, אין 1897, שוין אין סיביר, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אייניקע חבֿרים אין קאָוונע, וואָס זײַנען צופֿעליק געווען עדות פֿון מײַן אַרעסט, האָבן מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער אַרויסבאַקומען מײַן טראַנספּאָרט און אָפּגעפֿירט קיין ווילנע, ריגע, מינסק, וואַרשע און אַנדערע שטעט".

„אין קאָוונע האָט מען מיך אַרײַנגעזעצט אין טורמע, אין געהיימען קאָרפּוס. איך זיץ 15 חדשים און אַרבעט איבער זיך כּדי אַלץ צו „פֿאַרגעסן", באַזונדערס נעמען און דאַטעס, אַניט קען מען זיך נ י ט ו ו י ל נ ד י ק אויסרעדן. און איך פֿיר דאָס בײַ זיך אויס: איך האָב „פֿאַרלאָרן" דעם זכּרון און קען זיך ניט „דערמאָנען" אַפֿילו דעם נאָמען פֿון מײַנעם אַ חבֿר, וועלכער האָט יאָרן אָפּגעוווינט בײַ מיר אין צימער און געשלאָפֿן אין איין בעט מיט מיר. איך בלײַב אין פּראָצעס איינער אַליין: ניטאָ בײַ מיר קיין „שותּפֿים". דעם 11טן סעפּטעמבער 1889 האָט די „באַזונדערע קאָמיסיע" אין פּעטערבורג אַרויסגעטראָגן הינטער די אויגן דעם פּסק-דין צו פֿאַרשיקן מיך אַדמיניסטראַטיוו אויף 10 יאָר קיין סיביר, אין די ווײַטסטע מקומות פֿון יאַקוטסקער געגנט".

---

61 אַלעקסאַנדער דעמבסקי — איינער פֿון די גרינדער פֿונעם ערשטן „פּראָלעטאַריאַט", אין 1884 אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד. אין 1889 געווען ערנסט פֿאַרוווּנדעט בײַם אויספּרווון אויפֿרײַסשטאָף פֿאַר טעראָריסטישע צוועקן בײַ ציריך, בעת דעמבאָ איז אויפֿן אָרט אומגעקומען; שפּעטער אַן אָנגעזעענער טוער פֿון פּפּ"ס, האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, פֿון וואַנען ער האָט זיך אומגעקערט בעת דער מלחמה און איז צוגעשטאַנען צו פּילסודסקין. וויטאָלד יאַדקאָ-נאַרקעוויטש („וואַנסקי"), אָנגעזעענער מיטגליד פֿון „פּראָלעטאַריאַט" און שפּעטער איינער פֿון די גרינדער פֿון דער פּפּ"ס, דער מחבר פֿון קאָמענטאַר צו איר פּראָגראַם.

די אָנווײַזן, וואָס מיר געפֿינען בײַ אייניקע מחברים, אַז ש. ראַבינאָוויטש איז פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר פֿאַר זײַן ייִדישער בראָשור,[62] האָבן אונטער זיך קיין שום יסוד ניט. אין זײַן בריוו צו אונדז שרײַבט וועגן דעם ראַבינאָוויטש: „דאָס איז לחלוטין ניט ריכטיק. בעת מען האָט מיך אַרעסטירט אין קאָוונע, האָט ניט די פּאָליצײַ, ניט דער פּראָקוראָר, וואָס האָט געפֿירט מײַן ענין, ניט חושד געווען אַפֿילו, אַז איך האָב עפּעס אַ שײַכות צו אַ ייִדישער אומלעגאַלער בראָשור; איך גלייב, אַז אויב איך וואָלט זיי אַליין וועגן דעם דערציילט, וואָלטן זיי פּשוט געלאַכט פֿון מײַן אויסטראַכטעניש: צי איז דען מעגלעך, אַז אין „זשאַרגאָן" זאָל עקסיסטירן אומלעגאַלע ליטעראַטור? ווי געזאָגט, האָט מען בעתן אַרעסט בײַ מיר גאָרנישט געפֿונען, דער טראַנספּאָרט איז גאָר פֿאַרבליבן אויפֿן גרענעץ; קיין שום „ייִדישער" מאָמענט איז אין דער באַשולדיקונג קעגן מיר ניט אַרויסגערוקט געוואָרן. איך אַליין האָב בכלל וועגן גאָרנישט דערציילט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מײַן דורכפֿאַל ניט אַרויסגערופֿן קיין שום אַנדערע אַרעסטן, און אין מײַן פּראָצעס בין איך געווען אַליין. שוין מיט יאָרן שפּעטער, אין ראַטן-פֿאַרבאַנד, האָב איך זיך דערוווּסט פֿון מײַנע פּראָצעס-אַקטן אין „צענטראָ-אַרכיוו", אַז די פּאָליצײַ האָט מיך באַשולדיקט אין דעם, אַז איך האָב אין 1885 אָנגעהויבן פֿירן אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע (פֿונעם מאָמענט אָן, ווען מ'האָט בײַ מיר אין וואַרשע געמאַכט אַן „אָביסק", וואָס האָט גאָרנישט נגעגעבן), בעת אין דער אמתן האָב איך שוין פֿון 1883 געהערט צו די רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך (אומלעגאַלע קרײַזלעך פֿאַר זעלבסטבילדונג); ווײַטער האָט מען מיך באַשולדיקט, אַז איך האָב געהערט צום קרײַזל, וואָס האָט געגרייט דעם אַטענטאַט אויפֿן פּאָליצײַ-אַגענט פּינסקי אין וואַרשע[63], און בין נאָך פֿאַר דעם אַנטלאָפֿן אומלעגאַל פֿון וואַרשע; אויך — אַז איך האָב אָרגאַניזירט רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין ראַיאָן פֿון וואַרשע, אַז כ'האָב געהערט צום „פּראָלעטאַריאַט" און אין אויסלאַנד בין איך געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט די „רוסישע" עמיגראַנטן דעמבסקי, מענדעלסאָן, יאַנקאָווסקאַ, האָב זיך באַטייליקט אינעם ציריכער „סאָציאַליסטיש-ליטעראַרישן פֿאָנד" און דער עיקר, וואָס איך בין אַנטלאָפֿן פֿון וואַרשע זן אַ פּאַס און האָב זיך איצט אומגעקערט אומלעגאַל מיט אַ פֿאַלשן פּאַס אויפֿן נאָמען פֿון מאַקס ראָסקוס. און איבער די אַלע חטאים ווער איך באַשולדיקט אין געהערן צו אַ „פֿאַרברעכערישער געזעלשאַפֿט". ווי מען זעט, האָט מײַן ב ר אָ ש ו ר דערבײַ קיין שום ראָלע ניט געשפּילט". פֿון אַן אַנדער מקור, ווו עס ווערן אויך ציטירט ראַבינאָוויטשעס אַקטן פֿון דער געוועזענער צאַרישער „אָכראַנקע", ווערן אָנגעוויזן נאָך אַנדערע זײַנע חטאים: אַז ער איז כלומרשט „עטלעכע מאָל געקומען אין 1887 קיין רוסלאַנד מיט טראַנספּאָרטן אומלעגאַלער ליטעראַטור און רעוואָלוציאָנערע קאָנספּיראַטיווע שליחותן", אַז „מען האָט בײַ אים געפֿונען בײַם אַרעסט אומלעגאַלע ליטעראַטור און אַ נאָטיץ-ביכל מיט שיפֿערס און באַמערקונגען" וכדומה; אַגבֿ, ווערט דאָרט אָנגעוויזן, אַז לויט דער פּראָפֿעסיע איז ראַבינאָוויטש אַן אײַנבינדער.[64]

„נאָכן פּסק-דין האָט מען מיך אַריבערגעפֿירט קיין מאָסקווע, אין דער צענטראַלער טורמע „בוטירקי". דאָרט האָב איך געפֿונען אַלטע באַקאַנטע: פּראָטאָס, בעלאָך, קראַניכ-

---

62 פֿ״גל דעם ציט׳ אַרט׳ פֿון אַ ב אַ ל ע וו אין „עמעס", ז. ר ײ ז ע נ ס לעקסיקאָן, ב׳ A, ז׳ 45 און די ציט׳ בראָשור וועגן דיקשטיינען פֿון דער „טאַשן-ביבליאָטעק", ווו דער איבערזעצער (ה. הענאָכאָוויטש) האָט אַפֿילו צוגעגעבן אַ קאַפּיטל: „אַ ביכל, וואָס האָט געקאָסט 10 יאָר פֿאַרשיקונג"...

63 אין 1885 איז אין וואַרשע פֿאָרגעקומען אַ ניט געראָטענער אַטענטאַט אויפֿן שפּיאָן פּינסקי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן די גרופּע פֿון מאַריאַ באָהושעוויטש; פֿאַר דעם דאָזיקן אַטענטאַט איז דער „פּראָלעטאַריאַטשיק" קאָוואַלעווסקי אין יולי 1886 אויפֿגעהאַנגען געוואָרן.

64 אַ ב אַ ל ע וו ס ציט׳ אַרטיקל אין „עמעס".

פּעלד, לאָמאַקין, אָבער מיר איז פּשוט שווער געווען מיט זיי זיך צונויפֿצורעדן: אין דער צײַט וואָס איך בין געזעסן אַליין, אָן בריוו, אָן ביכער, צײַטונגען און מ׳האָט קיינעם צו מיר ניט צוגעלאָזט, האָב איך זיך אָפּגעוויינט פֿון אַ מענטשלעכער שפּראַך. דערנאָך — דער גרויסער סיבירער וועג, צו פּוס מיטן עטאַפּ, מיט פּאַרטיעס קרימינעלע פֿאַרברעכער; אַ האַלב יאָר נאָר ביז אירקוטסק און ווײַטער — קיין יאַקוטסק, און ערשט אין מערץ 1891 זײַנען מיר אָנגעקומען קיין ווערכאָיאַנסק, ווײַט אינעם יאַקוטסקער קרײַז, דעם אָרט פֿון מײַן פֿאַרשיקונג.

אויפֿן וועג, זײַענדיק אין דער אירקוטסקער עטאַפּן-טורמע, האָב איך זיך געטראָפֿן מיט אַ סך פּאָליטיש פֿאַרשיקטע און דאָ האָב איך זיך דערוווּסט נײַס פֿאַר די צוויי יאָר, זינט איך בין אַרעסטירט געוואָרן: טשערנישעווסקי איז געשטאָרבן;[65] אין פּאַריז זײַנען פֿאָרגעקומען אַרעסטן (מענדעלסאָן א״אַ); אין ציריך איז בײַם אויספּרוּוון אַ באָמבע דערהרגעט געוואָרן דעמבאָ און פֿאַרווּנדעט געוואָרן דעמבסקי; סאָפֿיאַ גינסבורג איז נאָכן קומען קיין רוסלאַנד געזעסן אַרעסטירט און האָט זיך גענומען דאָס לעבן אין שליסעלבורגער פֿעסטונג; אין יאַקוטסק איז פֿאָרגעקומען די הריגה פֿון פּאָליטישע פֿאַרשיקטע בײַ אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד (1889) און נאָך און נאָך. — „נו און וואָס איז געוואָרן מיטן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס? מיטן פּראָלעטאַרישן יום-טובֿ?", פֿרעג איך. אָבער קיינער ווייס גאָרנישט... אַ ביסל שפּעטער, בעת איך האָב זיך פֿאַרהאַלטן אין יאַקוטסקער עטאַפּן-טורמע, טרעף איך זיך ווידער מיט חבֿרים און דערוויס זיך נאָך אַנדערע נײַס: אין פּאַריז האָט פּאַדלעווסקי דערהרגעט דעם גענעראַל סיליוועסטראָוו, מענדעלסאָן איז ווידער אַרעסטירט, דער קראַנקער דעמבסקי און יאַנקאָווסקאַ זײַנען אַרויסגעשיקט פֿון פּאַריז און אַריבער קיין לאָנדאָן; לאַווראָוו איז געשטאָרבן.[66] — „נו און דער קאָנגרעס? און דער פּראָלעטאַרישער יום-טובֿ?" — און ווידער ווייס קיינער גאָרנישט... ערשט אין 1897 האָבן זיך באַוויזן בײַ אונדז אין ווערכאָיאַנסק די ערשטע שוואַלבן פֿון דער פּפּ״ס און דער פּוילישער סאָצ׳-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — סטרוזשעצקי, ראַטינסקי, פּעטקעוויטש, מאַריאַן אַבראַמאָוויטש, ווסעלאָווסקי.[67] און דעמאָלט ווער איך געוואָר: דער „פּראָלעטאַריאַט" איז זיך לאַנג צעפֿאַלן; פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז שוין קיין זכר ניט פֿאַרבליבן; מענדעלסאָן איז אין גאַנצן אַוועק פֿון דער באַוועגונג. און אויך דערוויס איך זיך, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס איז טאַקע אין 1889 פֿאָרגעקומען און אַז דער 1טער מאַי איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פֿאַר אַן אַרבעטער-יום-טובֿ.[68] אין רוסלאַנד און פּוילן, אין גאַליציע און פּויזן, אין די גרויסע שטעט און אין די אינדוסטריעלע צענטערס קומען פֿאָר יעדער יאָר דעם 1טן מאַי „מאַסאָווקעס" — און סאָלדאַטן שיסן, געהרגעטע און פֿאַרווּנדעטע פֿאַלן, אַרעסטירטע ווערן פֿאַרשיקט. איך דערוויס זיך אויך, אַז דער ערשטער מאַי-שטרײַק אין רוסלאַנד איז געווען אין די דאָמבראָווער קוילנגרובן אין 1890 און די אַרבעטער האָבן דערפֿאַר באַצאָלט מיט מאַסן-

---

65 געשטאָרבן אין 1889, אין סאַראַטאָוו.

66 די דאָזיקע ידיעה איז געווען אַ פֿאַלשע: לאַווראָוו איז געשטאָרבן ערשט אין 1900.

67 ראַטינסקי און ווסעלאָווסקי זײַנען געווען אָנגעזעענע מיטגלידער פֿון דער פּוילישער סאָצ׳-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (אַרעסטירט אין 1894 — 1895), די איבעריקע — אָנגעזעענע פּפּ״סאָווצעס.

68 דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל׳ קאָנגרעס אין פּאַריז, דעם 14 — 21 יולי 1889, האָט באַשלאָסן צו באַשטימען אַן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום-טובֿ מיט דער פֿאָדערונג פֿון אַן 8-שעהדיקן אַרבעטסטאָג (אין אַמעריקע האָבן די אַרבעטער נאָך פֿריִער אויסגעוויילט דעם טאָג פֿון 1טן מאַי). אויפֿן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין ציריך, אין 1893, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז חוץ דער פֿאָדערונג פֿון 8 שעה זאָלן דעם 1טן מאַי אויך אַרויסגעשטעלט ווערן נאָך אַ ריי אַנדערע קאַמף-פֿאָדערונגען פֿון די אַרבעטער.

אַרעסטן[69]. פֿון די דערמאָנטע פֿאַרשיקטע פּױלישע חבֿרים האָב איך צום ערשטן מאָל אױך דערהערט דאָס ליד פֿון 1טן מאַי אין פּױליש און האָב אױפֿן אָרט פֿאַרשריבן די װערטער און דעם מאָטיװ, װעלכע איך שיק אײַך דערבײַ."[70]




אין זײַנע אױטאָביאָגראַפֿישע נאָטיצן דערציילט ש. ראַבינאָװיטש אָגב אױך װעגן זײַן פֿרױ, פֿייגע (פֿאַניע) ראָזענמאַן, װאָס האָט געהערט צו די ערשטע נאַראָדאָװאָלישע קרײַזלעך אָנהייב די 80ער יאָרן אין פּינסק און שפּעטער אין װאַרשע. זי איז געװען אַ שנײַדערקע און איז אין 1882, נאָך אין פּינסק, אַרײַנגעטראָטן אין אַ קאָלעקטיװן נייװאַרשטאַט פֿון דאַמען־קליידער — אַן „אַרטעל", װאָס סאָניע סאָנדבערג, אַן אָרטיקע נאַראָדאָװאָלקע, האָט אָרגאַניזירט לױטן מוסטער פֿון טשערנישעװסקיס העלדין װיעראַ פּאַװלאָװנאַ אינעם ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט". אין 1883 איז זי אַריבערגעפֿאָרן קײן װאַרשע. דאָ שטייט זי אין פֿאַרבינדונגען מיט די פּױלישע רעװאָלוציאָנערן װאַרעיכאָװסקי, יענדזשעיעװסקי און לודװיק װאַרינסקי[71] און איר צימער װערט אַ לאַגער פֿון רעװאָלוציאָנערער ליטעראַטור און אַן אָרט, װו עס טרעפֿן זיך די אומלעגאַלע. שפּעטער, נאָכן אַרעסט פֿון די דערמאָנטע טוער, טראָגט זי שפּײַז און קליידער פֿאַר די פּאָליטישע װאָס זיצן אין די װאַרשעװער טורמעס, אָנגעבנדיק זיך פֿאַר אַ כּלה פֿונעם אַרעסטירטן, און אין טורמע האָט זי געקראָגן דעם שם פֿון דער „אַלעמענס כּלה".

אין 1884 טרעט זי אַרײַן אין אַ קרײַזל, װאָס װערט אָנגעפֿירט פֿון ש. ראַבינאָװיטשן. אין דער זעלביקער צײַט אַרבעט זי װידער אין אַ קאָלעקטיװן נייװאַרשטאַט, אין אײנעם מיט מאַריאַ באָהושעװיטש און יוליאַ ראָזומייטשיק, און אין אָקטאָבער 1885, בעת דער װאַרשטאַט פֿאַלט דורך, באַהאַלט זי בײַ זיך אונטער די קליידער צװײ זעקעלעך מיט דרוקשריפֿט און טראָגט עס שפּעטער

69 אין דער פּױלישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור װערט אָנגעװיזן, אַז די ערשטע מאַי־שטרײַקן זײַנען פֿאָרגעקומען אין 1890 אין װ אַ ר ש ע (און ניט אין דאָמבראָװער געגנט); אין 1891 איז צו װאַרשע צוגעקומען לאָדזש און זשיראַרדאָװ; אָבער באמת אַ גראַנדיעזן כאַראַקטער האָבן די מאַי־שטרײַקן אָנגענומען אין 1892, באַזונדערס אין ל אָ ד ז ש (פֿ״גל די געשיכטע פֿון דער סאָצ׳ באַװעגונג אין פּױלן פֿון מאַזאָװעצקי־קולטשיצקי, קאַפּ׳ 5). װעגן די ד אָ מ ב ר אָ װ ע ר מאַי־שטרײַקן װערט ניט דערמאָנט.

70 מיר גיבן דאָ די נאָטן פֿון דעם ליד, װי זײ זײַנען דעמאָלט פֿאַרשריבן געװאָרן פֿון ש. ראַבינאָװיטשן, מיט די אַרײַנגעשריבענע פּױלישע װערטער דערצו.

71 װעגן װאַרעיכאָװסקי און יענדזשעיעװסקי פֿון פּינסק װערט דערמאָנט אױבן, אין קאַפּיטל 1. לודװיק װאַרינסקי (1856—1889) — באַרימטער פּױלישער סאָציאַליסט, גרינדער פֿונעם ערשטן „פּראָלעטאַריאַט", געװען פֿאַרמשפּט צו 16 יאָר קאַטאָרגע אױפֿן „פּראָצעס פֿון די 29" אין װאַרשע, געשטאָרבן אין שליסעלבורגער פֿעסטונג.

צוועק אויף שמירה ראַבינאָוויטשן. אין דרײַ טעג אַרום קומט פֿאַר בײַ ראַבינאָוויטשן אַן „אָביסק", אָבער מ׳געפֿינט גאָרנישט. אין 1887 עפֿנט זי ווידער, אין איינעם מיט רחל ליפּשיץ, דער שפּעטערדיקער פֿרוי פֿון וולאַדימיר ליבין,[72] אַ קאָלעקטיוון נייוואַרשטאַט, אויף עלעקטאָראַלנע גאַס. אָנהייב 1888, בעת ראַבינאָוויטש קומט אומלעגאַל קיין רוסלאַנד מיטן טראַנספּאָרט, זעט ער זיך מיט איר, און שפּעטער, בעת ער זיצט שוין אַרעסטירט און ווערט אַריבערגעפֿירט פֿון קאָוונע אין מאָסקווער „בוטירקי", קומט זי פֿון וואַרשע קיין מאָסקווע און גיט אָן אַ מעלדונג, אַז זי וויל מיט אים חתונה האָבן און פֿרײַוויליק מיטגיין אין סיביר, און באַקומט דערויף די דערלויבעניש. „מיר האָבן געשטעלט חופּה— דערציילט ראַבינאָוויטש — אין דער מאָסקווער צענטראַלער עטאַפּן־טורמע „בוטירקי", אין דער תּפֿיסה־שול, פֿאַר אַ מנין ייִדן פֿון צווישן די פֿאַרמשפּטע אויף קאַטאָרגע פֿאַר קרימינעלע חטאים, און מסדר קידושין געווען האָט דער מאָסקווער ראַבינער מינאָר, וואָס זײַן זון אָסיפּ איז גראָד מיט אַ יאָר פֿאַר דעם, אין 1889, פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף קאַטאָרגע פֿאַר דעם יאַקוטסקער ווידערשטאַנד". אין איינעם מיטן מאַן איז זי געקומען מיטן עטאַפּ, וואָס האָט געדויערט אַ יאָר צײַט, דורך גאַנץ סיביר קיין ווערכאָיאַנסק.[73]

אין ווערכאָיאַנסק האָבן ש. ראַבינאָוויטש און זײַן פֿרוי אָפּגעלעבט 5 יאָר. ער האָט זיך דאָ פֿאַרנומען מיט דאָרפֿישערווירטשאַפֿט און מיט בויאַרבעט און חוץ דעם מיט מעטעאָראָלאָגישע אָבסערוואַציעס פֿאַר דער הויפּט־פֿיזיקאַלישער אָבסערוואַטאָריע. אין 1894 האָט ער זיך ווידער אָפּגעזאָגט צו שווערן דעם נײַעם צאַר ניקאָלאַי II, פּונקט ווי מיט דרײַצן יאָר צוריק האָט ער, נאָך זײַענדיק אַ יונגער גימנאַזיסט, ניט געוואָלט שווערן אַלעקסאַנדער דעם דריטן. לויטן פֿאָרשלאָג פֿון דער הויפּט־אָבסערוואַטאָריע איז ער אין 1895 אַריבערגעפֿאָרן אויף צוויי יאָר מיט דער פֿאַמיליע אינעם גאָר ווײַטן צפֿון, אין אוסטיאַנסק, כּדי אײַנצואָרדענען דאָרטן אַ מעטעאָראָלאָגישע סטאַנציע און מאַכן געאָלאָגישע אויספֿאָרשונגען, האָט דאָרטן געפֿונען אַ האַלבן מאַמאָנט מיט הויט און האָר (ניט בלויז דעם סקעלעט) און האָט עס אַר׳בערגעשיקט צו דער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג. אין 1897 האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק קיין ווערכאָיאַנסק און פֿון דאָרטן אַריבערגעפֿאָרן אין דער שטאָט יאַקוטסק, וווּ זיי זײַנען פֿאַרבליבן ביז האַרבסט 1899, ווען ראַבינאָוויטש האָט באַקומען די דערלויבעניש אומצוקערן זיך קיין אייראָפּעיִשן רוסלאַנד, אָבער מיטן רעכט צו וווינען פּאַקטיש נאָר אין פּינסק און אונטער אַ פּאָליצײַיִשער השגחה. אין סיביר זײַנען אים געבוירן געוואָרן צוויי זין, אין ווערכאָיאַנסק און אוסטיאַנסק, און שפּעטער אין פּינסק נאָך איינער.

אין פּינסק האָט ער געאַרבעט אין אַ באַנק און אויך געגעבן פּריוואַטע לעקציעס פֿון אויסלענדישע שפּראַכן. אַקטיוו האָט ער זיך אין דער פּאָליטישער אַרבעט מער ניט באַטייליקט, פֿון דעסט וועגן, ווי ער שרײַבט, פֿלעגט ער צוהעלפֿן די געקומענע אומלעגאַלע בונדישע אַגיטאַטאָרן מיט דירות, העלפֿן די אַרעסטירטע. אין דעצעמבער 1905, אין די רעוואָלוציאָנערע טעג, ווערט ער אַקטיווער, און בעת אין פּינסק האָט זיך געבילדעט די אַ״ג „פּינסקער רעפּובליק", איז זײַן דירה געוואָרן דער שטאַב פֿון דער קאַמף־דרוזשינע, און אין 1906 איז בײַ אים פֿאָרגעקומען אַ הויזזוכונג. ער האָט דאָ אויך אָרגאַניזירט אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין פֿון ביוראָ־אָנגעשטעלטע און איז אויסגעוויילט געוואָרן פֿאַרן פֿאָרזיצער, האָט זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט בײַ די וואַלן אין דער „דומע". אין 1915, בעת דער מלחמה, איז ער עוואַקויִרט געוואָרן אין איינעם מיט זײַן באַנק קיין קאַטערינאָסלאַוו. אין דער צײַט פֿון דער ראַטנמאַכט אַרבעט ער דאָ אויף שטעלעס אין פֿאַרשיידענע סאָוועטישע אַנשטאַלטן. אָנהייב 1922 פֿאַרלאָזט ער ראַטן־

72 זע אויבן, הערה 57.

73 וועגן פֿאַניע ראַבינאָוויטש זע אויך פ. קאָטיק ס צײַט׳ זכרונות, ז׳ 214.

רוסלאַנד און קומט מיט אַן „עשעלאָן" קיין פּוילן נאָך גרויסע מאַטערנישן און נאָך אַן איבערגעטראָגענער קראַנקייט. ער באַזעצט זיך מיט זײַן פרוי אין ווילנע (די זין זײַנען פאַרבליבן אין קאַטערינאָסלאַוו). דאָ אַרבעט ער ווי אַ הויפּט-בוכהאַלטער אין אַ פּוילישער קרעדיטבאַנק, אָבער פאַר צורעדן די מיטאַרבעטער צו אַ פּראָפעסיאָנעלן קלאַסן-פאַראיין און צו פײַערן דעם 1טן מאַי פאַרלירט ער די שטעלע; ער פאַרלירט אויך די שטעלע אין פּינסק, וווּ ער האָט געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין אַ שוועבעלעך-פאַבריק. אין 1926 גיט ער אָן אַ מעלדונג, אַז ער וויל זיך אומקערן קיין ראַטנרוסלאַנד, און קומט צוריק קיין קאַטערינאָסלאַוו, וואָס הייסט איצט דנעפּראָפּעטראָווסק. דאָ וווינט ער מיט זײַן פאַמיליע ביז הײַנטיקן טאָג. נאָך פון פריִער האָט ער כמעט פאַרלאָרן די ראיה אויף איין אויג, האָט אַריבערגעטראָגן אַ סך קראַנקייטן און איז נאָך אין 1928 אָנערקענט געוואָרן פאַר אַן „אינוואַליד פון 2טער מדרגה". „פון יאָר 1935 — שרײַבט ער — קריג איך אַ פּערסאָנעלע פּענסיע פון דער מלוכה, האָב אויפגעהערט אין גאַנצן צו אַרבעטן און פאַרנעם זיך דערמיט, וואָס איך ברענג אין אָרדענונג מײַנע מעמואַרן, וואָס איך האָב זיי אָנגעהויבן צו שרײַבן אין פאַרשיידענע צײַטן, בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן און אין פאַרשיידענע פאָרמען".

אין 1925, דערציילט ער, בעת ער איז געקומען קיין פּינסק נאָך אַ הפסקה פון צען יאָר, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז זײַן גאַנצע ביבליאָטעק, וואָס ער האָט דאָ איבער-געלאָזט פאַר דער עוואַקואַציע, איז פאַרברענט געוואָרן בעת אַ שׂרפה אין פּינסק אין 1921 אין איינעם מיט זײַנע מאַנוסקריפּטן. אַגבֿ טיילט ער אויך מיט, אַז דער וואַרשעווער פאַרלאַג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די ווערק פון זײַן פאָטער שפ״ר,[74] האָט בעת דער מלחמה אָפּגעשטעלט צו צאָלן שפ״רס אַלמנה, וואָס האָט געוווינט אין בערלין, דעם האָנאָראַר, און ער, דער יורש, האָט שפּעטער אויך גאָרנישט געקענט אַרויסבאַקומען. בעת ער איז געווען אין פּוילן, אין די יאָרן 1922—1926, האָט ער זיך אין וואַרשע געטראָפן מיט זײַנע אַמאָליקע פּוילישע חבֿרים, אַלעקסאַנדער דעמבסקי און מאַריאַן אַבראַמאָוויטש, „און דער שמועס מיט זיי — שרײַבט ער — האָט מיך איבערצײַגט, אַז צווישן אונדז איז פאַר דער צײַט פּאָליטיש אויסגעוואַקסן אַ טיפער תּהום"... און נאָך אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך טיילט ער מיט: זײַנענדיק אין 1924 אין וואַרשע, האָט ער אין בונדישן פאַרלאַג „די וועלט" געקויפט די לעצטע אויסגאַבע פון זײַן „פון וואָס איינער לעבט", און האָט אויף איר ניט געפונען זײַן פּסעוודאָנים ווי דער איבער-זעצער; אַז ער האָט געפרעגט ב. מיכאַלעוויטשן, פאַר וואָס איז ניט אָנגעוויזן זײַן נאָמען אָדער פּסעוודאָנים, האָט אים מיכאַלעוויטש געענטפערט, אַז ער ווייס אַפילו ניט, ווער איז געווען דער איבערזעצער פון דער בראָשור... אַזוי פאַרגעסן איז געוואָרן זײַן נאָמען אַפילו צווישן די אָנגעזעענסטע טוער פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג.[75]

74 ווערט משמעות געמיינט זײַן פונדאַמענטאַלע איבערזעצונג פון גרעצעס געשיכטע אין העברעיִש— „דברי ימי ישראל", אין 8 בענד (1890—1899), מיט אַ סך אייגענע מילואים, אַרויסגעגעבן אין וואַרשע תּחילת פון י. אַלאַפין און שפּעטער פון א. ז. כהן, טיילווײַז מיט דער אונטערשטיצונג פון פּאַריזער „אַליאַנס". די ווײַטערדיקע אויפלאַגעס זײַנען אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג „אחיספר" בײַם „צענטראַל", אין 10 בענד, דערבײַ איז דער לעצטער באַנד ניט פון גרעץ—שפ״ר, נאָר אַן איבערזעצונג פון מאַרטין פיליפּסאָנס געשיכטע פון ייִדן אין 19טן י״ה.

75 עס איז כאַראַקטעריסטיש: בײַ בורגין, אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, ווערט די בראָשור דערמאָנט (אָבער אָן דעם פולן נאָמען פון איבערזעצער) נאָר אַגבֿ אורחא; בײַ נ. בוכבינדערן, אין זײַן געשיכטע, ווערט זי בכלל ניט דערמאָנט, דאָס אייגענע אויך ניט אין אַ. קירזשניצעס איבערבליק וועגן דער ייִדישער סאָציאַל' ליטעראַטור, אינעם ציט' ז״ב Рев. движение среди евреев און אינעם „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך" 1930, ב' 1, וווּ ער דערמאָנט יאָ וועגן אַנדערע בראָשורן.

בײַ ש. ראַבינאָוויטשן איז געווען אַ שוועסטער, אַ סך אַ יינגערע פֿון אים, סאָניע, וואָס האָט געהערט צום „בונד", אויך אַקטיוו געאַרבעט אין דער דײַטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און האָט טראַגיש פֿאַרענדיקט אירע יאָרן אין דײַטשלאַנד. בתשובֿה אויף אונדזער אָנפֿרעג האָט ש. ראַבינאָוויטש מיטגעטיילט וועגן איר די ווײַטערדיקע פּרטים.

„מײַן פֿאַרשטאָרבענע שוועסטער שׂרה (סאָניע) איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין 1882, און בעת איך האָב עמיגרירט קיין אויסלאַנד, איז זי אַלט געווען בסך-הכּל 4 יאָר. שפּעטער, אין דער פֿאַרשיקונג, פֿלעג איך באַקומען פֿון איר עקזאַלטירטע בריוו, און בעת איך האָב זיך אומגעקערט פֿון פֿאַרשיקונג און האָב זיך אויפֿן וועג קיין פּינסק אָפּגעשטעלט אין וואַרשע, אין 1899, איז זי פֿון מיר ניט אָפּגעטראָטן; ווי איך האָב פֿאַרשטאַנען, זײַנען אירע סימפּאַטיעס געווען אויפֿן צד פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. זי האָט מיר דעמאָלט בײַזויזן איר אָקאָרשט אָפּגעדרוקטע איבערזעצונג אין רוסיש פֿון לאַצאַרוס' באַקאַנט בוך „די יידישע פּרוי",[76] וואָס איז אַרויס אין וואַרשעווער פֿאַרלאַג פֿון ל. צוקערמאַן (מײַן אַמאָליקן תּלמיד), מיט דער הקדמה, דוכט מיר, פֿון מײַן פֿאָטער. אין 1900 איז זי אָוועקגעפֿאָרן קיין אָדעס אויף עפּעס לעגאַלער און אויך אומלעגאַלער אַרבעט... דורך אייניקע פֿאַרשטייער פֿון „בונד", וואָס פֿלעגן פֿאַרפֿאָרן קיין פּינסק, זײַנען צו מיר דערגאַנגען ידיעות, אַז סאָניע שרײַבט ניט בלויז אין רוסיש, פּויליש און דײַטש, נאָר אויך אין יידיש, אַז אייניקע אירע אַרבעטן אין יידיש זײַנען גאַנץ ווערטפֿול, שפּעטער—אַז זי אַרבעט אין אָדעס, דער עיקר צווישן סאָלדאַטן-יידן (עס איז געווען די צײַט פֿון דער רוסיש-יאַפּאַנישער מלחמה), און נאָך שפּעטער—אַז זי זיצט שוין אַרעסטירט אין אָדעסער טורמע. לויט אַ השתּדלות האָט מען איר דערלויבט (אויף שטענדיק!) צו פֿאַרלאָזן רוסלאַנד, און זי איז אַוועקגעפֿאָרן קיין מינכען, ווו זי איז אַרײַן אין אוניווערסיטעט, האָט שטודירט פֿילאָסאָפֿיע און באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פֿון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. דאָרטן האָט זי חתונה געהאַט מיט איינעם אַ דײַטש, אַ דאָצענט פֿון אוניווערסיטעט מיטן נאָמען לערך. בעת עס איז געקומען די מלחמה, איז זי געווען פֿאַרבליבן אין דײַטשלאַנד. אין אַפּריל 1918 איז קיין קאַטערינאָסלאַוו געקומען מײַן מיטעלער זון, וואָס איז געבליבן אין ווילנע און איצט פֿון דאָרטן אַנטלאָפֿן, און האָט אונדז מיטגעטיילט, אַז זײַנענדיק אין ווילנע (וואָס איז דעמאָלט געווען אָקופּירט פֿון די דײַטשן) האָט ער באַקומען אַ בריוו פֿון הוגאָ האַאַזע, דעם באַקאַנטן פֿירער פֿון די דײַטשע „אומאָפּהענגיקע סאָצ'-דעמאָקראַטן", אַז די „מומע סאָניע" איז אַרעסטירט אין מינכען פֿאַר געהערן צו די „אומאָפּהענגיקע". נאָך אין אַ האַלב יאָר אַרום באַקום איך אַ בריוו פֿון בערלין, אַז אין אַפּריל 1918 האָט מײַן שוועסטער זיך גענומען דאָס לעבן אין תּפֿיסה, נאָך אַ זעעניש מיט איר מאַן לערך, וואָס איז געווען אויף דער פֿרײַ". פּ. קורסקי, וועלכער דערמאָנט זי זייער וואַרעם אין זײַנער אַ נאָטיץ, שרײַבט אויספֿירלעכער וועגן איר איבערגעגעבענער אַרבעט אין דער דײַטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג און איר באַטייליקונג אויך אין דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד"; בעת עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה, האָט זי דערפֿילט, אַז זי איז פֿרעמד איר מאַן, וועלכער איז געוואָרן שטאַרק דײַטש-פּאַטריאָטיש, אין דער צײַט ווען זי האָט, „אין פֿאַרבינדונג מיט קורט אייסנערן און מיט אַנדערע איניציאַטאָרן פֿון דער אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי, אָנגעהויבן צו העלפֿן בויען די נײַע פּאַרטיי". איר אַרעסט „איז פֿאַר איר מאַן געווען אַ „חרפּה" און קודם-כּל אַ קאַטאַסטראָפֿע פֿאַר זײַן קאַריערע; ער האָט פֿאַרפֿירט קעגן איר אַ פּראָצעס וועגן גט, און אין אַ מאָמענט פֿון יאוש האָט זי זיך אין תּפֿיסה גענומען דאָס לעבן"...[77]

---

76 דאָס באַקאַנטע ווערק פֿון רות לאַצאַרוס („נאַהידאַ-רעמי") „דאָס יודישע ווייב", אַרויס 1892.

77 פּ. קורסקיס ציט' נאָטיץ אין „וואָכנשריפֿט" (וואַרשע), פֿונעם 18טן אַפּריל 1934 נו' 17

מיר האָבן זיך אַזוי אויספירלעך אָפּגעשטעלט אויף ש. ראַבינאָוויטשעס קלענערער שוועסטער, הגם זי געהער גאָר צו אַן אַנדער תּקופה, מחמת אין איר האָט געלעבט דער גילגול פון רעוואָלוציאָנערן גייסט, וואָס איז נאָך אין די 80ער און 90ער יאָרן אַרייַנגעדרונגען אין דער משפחה פון שפ״רן, דעם העברעיִשן געלערנטן און פירער פון די חובבי-ציון...

---

אומקערנדיק זיך צו דער פּערזאָן פון שמואל ראַבינאָוויטשן, ווילן מיר דאָ אָנווייַזן, אַז הגם אַ תּלמיד פון די אַסימילאַטאָריש אָדער קאָסמאָפּאָליטיש געשטימטע רעוואָלוציאָנערע קרייַזלעך אין די 80ער יאָרן, איז ער דאָך געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי זייַנע יידישע חברים. „דער מין יידישע סאָציאַליסטן, ווי מען פאַרשטייט עס הייַנט – שרייַבט ער אונדז אין אַ בריוו – איז אין מייַן צייַט אין דער נאַטור ניט געווען בנמצא. עס האָבן געקענט זייַן נאָר יידן-סאָציאַליסטן, אָדער – סאָציאַליסטן, וואָס שרייַבן אין יידיש, אָבער אויסער מיר איינעם האָב איך וועגן דעם לעצטן מין ניט געהערט דעמאָלט ניט אין דער עמיגראַציע, ניט אין רוסלאַנד״. און ווי אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע פון אָט דעם חילוק צווישן ראַבינאָוויטשן און זייַנע בני-דור, זייַנע אידעיִשע חברים, קען דינען דער ווייַטערדיקער עפּיזאָד, וואָס מיר געפינען אים אין אַ. קאָטיקס זכרונות: „אומגעפער אין 6 חדשים אַרום נאָך ש. ראַבינאָוויטשעס אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד – דערציילט קאָטיק – קריגן מיר (אין וואַרשע) פון אים מיט אַ מאָל אַ בריוו, אין וועלכן ער דערציילט, אַז צווישן די יידישע סטודענטן פון דער שווייץ האָט זיך געגרינדעט אַ קרייַז צו שאַפן ליטעראַטור אין יידיש וועגן דער אַרבעטער-באַוועגונג, און דאָס ערשטע ביכל זאָל זייַן: „די לאַגע פון אַרבעטער אין דער אַמאָליקער פּאַלעסטינע״. ער פרעגט ביי אונדז אָן, וויפל עקזעמפּלאַרן קענען מיר זיך אונטערנעמען צו פאַרשפרייטן. אונדז האָט מאָדנע אויסגעקוקט די טעמע, וואָס עס האָבן אויסגעקליבן די יידישע סטודענטן אין שווייץ פאַרן ערשטן ביכל, – אַגב זייַנען מיר געווען זייער ווייַט פון יידיש – איז די גאַנצע פראַגע ניט באַטראַכט געוואָרן אין קרייַז. דער בריוו איז אָנגעקומען אויף ליבינס אַדרעס; ער האָט דורכגעלעזן פאַר די מיטגלידער פון קרייַז, וואָס זייַנען דעמאָלט גראָד ביי אים געווען; ס׳איז געבליבן, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו ריידן. אין דעם זינען האָט מען געוויס געמוזט ענטפערן אויף ראַבינאָוויטשעס בריוו״.[78] אין זייַנע נאָטיצן דערמאָנט ניט ש. ראַבינאָוויטש דעם דאָזיקן עפּיזאָד, און די פּרטים פונעם ציריכער פּראָיעקט און אויך די נעמען פון די איניציאַטאָרן זייַנען צום באַדויערן געבליבן אומבאַקאַנט. אָבער אין ד״ר ח. זשיטלאָווסקיס זכרונות געפינען מיר אַזאַ אָנווייַז: אין 1888, דערציילט ער, בין איך געקומען קיין ציריך כדי איבערצונעמען די פירונג פון אַ רעוואָלוציאָנערן פאַרלאַג פאַר יידישע אַרבעטער, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דעם פויליש-יידישן סאָציאַליסט ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן די ערשטע בראָשור: דיקשטיינס „פון וואָס איינער לעבט״. „ווען איך בין געקומען אַהין, איז שוין ראַבינאָוויטש ניט געווען דאָרטן (ער איז געווען אַרעסטירט אויפן גרענעץ מיט פאַרבאָטענער ליטעראַטור און איז שוין געזעסן אין וואַרשעווער תּפיסה), עס איז אויך ניט געווען קיין שפור פון אַ וועלכער עס איז אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל העלפן ווייַטער אָנגיין מיט דער אַרבעט״.[79] דאָ האָט זיך ח. זשיטלאָווסקי פאַרבונדן מיט אַ גרופּע סטודענטן – חובבי-ציון און מיט זיי געגרינדעט דעם אומפּאַרטייִשן „פעראיין פיר וויססענשאַפט אונד לעבען דעס יודישען פאָלקעס״

---

78 אַ. קאָטיק, דצ״ו, ז׳ 170—171.

79 זע ד״ר ח. זשיטלאָווסקיס אַרייַנפיר-אַרטיקל צו מ. ראָזענבאַום, ערינערונגען פון אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער (ניו-יאָרק 1921), ב׳ 1, ז׳ 23 (רוימיש).

פאַר ייִדיש-נאַציאָנאַלער פּראָפּאַגאַנדע. עס איז זייער מעגלעך, אַז די דערמאָנטע סטודענטן האָבן געהאַט אַ שײַכות צום „קרײַז וועגן שאַפֿן ליטעראַטור אין ייִדיש", וועגן וועלכן ראַבינאָוויטש האָט נאָך פֿריִער געלאָזט וויסן זײַנע וואַרשעווער חבֿרים, און אַ באַווײַז איז – די טעמע פֿונעם ערשטן פּראָיעקטירטן ביכל. פֿון ראַבינאָוויטשעס אַ בריוו צו אונדז דערוויסן מיר זיך איצט, אַז זײַנענדיק אין אויסלאַנד האָט ער געדרוקט אַ פּאָר אַרטיקלען, ריין אינפֿאָרמאַטיווע, אין „ניו-יאָרקער ייִדישער פֿאָלקסצײַטונג" און לאָנדאָנער „אַרבייטער-פֿרײַנד" (אין 1886–1887), געחתמעט: „שמואל-מרדכי בן שאול-פּנחס", אָדער „שמ"ר בן שפּ"ר". לויט אייניקע ידיעות זאָל ער אויך האָבן צוגעגרייט אַ ריי אַנדערע ביכלעך אין ייִדיש, צווישן זיי אַן איבערזעצונג פֿונעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט",[80] אָבער אין ראַבינאָוויטשעס נאָטיצן און בריוו איז קיין שום רמז דערויף ניט פֿאַראַן.

אַ. קאָטיק דערציילט אין זײַנע זכרונות, אַז אין יאָר 1914, נאָך אַ הפסקה פֿון 28 יאָר, האָט ער זיך אין פּינסק געטראָפֿן מיט ש. ראַבינאָוויטשן און האָט אים געפֿונען אַ פֿיזיש צעבראָכענעם און אויסגעמאַטערטן. „ער האָט אָבער געהאַט אַ שם פֿון אַ מענטשן מיט אַ גרויסער פֿאַרגאַנגנהייט, און דאָס יונגוואַרג האָט אים ניט געלאָזט רוען... אָבער שווער איז אים געווען צו פֿאַרשטענדיקן זיך מיט דעם נײַעם דור". „מיט מײַן ייִדישיסטישער שטימונג – שרײַבט ער ווײַטער – האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט... ער פֿלעגט אָפֿט זיך אומקערן צו איינער און דער זעלבער פֿראַגע: צו ייִדיש און ייִדישיזם. ער איז אויסערלעך געווען ווײַט פֿון ייִדיש, און דאָך זײַנען מיר ביידע געווען נאָענט אין דעם פּרט". „און אַן איראָניע פֿון מזל: דער פּעיִקסטער פֿון אונדז אַלע – און מער פֿון אַלעמען געליטן אין לעבן".[81] אַזוי פֿאַרענדיקט אַ. קאָטיק די כאַראַקטעריסטיק פֿון דעם פּיאָניער פֿון סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אין ייִדיש.

---

80 זע ז. רייזען, לעקסיקאָן, ב׳ 4, ז׳ 46. די ערשטע איבערזעצונג פֿון קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט האָט דערשײַנט אין 1899, אַרויסג׳ פֿון אויסל׳ קאָמיטעט פֿון „בונד", איבערגעזעצט פֿון בלומשטיין, אבעסהויז און תאומים. פֿריִער, 1897, האָט אַב. קאַהאַן געדרוקט אין „צוקונפֿט" אַ פֿרײַע איבערדערציילונג פֿונעם מאַניפֿעסט.

81 אַ קאָטיק, דצ"ו, ז׳ 180.

# זכרונות

## פון הלל קאַץ-בלום (קליוולענד)[1]

### I

מײַן פֿאָטער איז געווען אַ שנײַדער. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען דער בעסטער שנײַדער אין שטעטל, גענייט פֿאַר די פּױלישע פּריצים און געמאַכט אַן אָנשטענדיק לעבן, לויט די אומשטאַנדן פֿון יענער צײַט. ער איז געווען אַ בעל-הבית מיט אַן אייגן הויז, מיט אַ גאָרטן, מיט צוויי „שטעט" אין בית-המדרש — פֿאַר זיך און פֿאַר דער מאַמען. ער האָט פֿאַרשטאַנען אַ פּירוש-המילות, פֿלעגט אָפֿט ברענגען אַן אורח אויף שבת פֿון שול. בעת בײַ אונדז אין פּאָזעלווע, קאָוונער גובערניע, האָט זיך געמויערט אַ נײַער בית-המדרש, האָט עס אים אָפּגעקאָסט ביז 18—20 רובל. אין מײַנע קינדער-יאָרן אָבער איז ער שוין געווען אַן עלטערער מענטש (איך בין דער בן-זקונים, געבוירן געוואָרן 25 טעג אין חשון תרכ"ט—פֿרי-ווינטער 1868) און אַ קראַנקער. די פּריצים זײַנען שוין געווען פֿאַראָרעמט איבער די „מיאַטעזשן" און רדיפֿות פֿון דער רוסישער רעגירונג און זײַנען זיך צעפֿאָרן אין די גרויסע שטעט, און מען האָט געדאַרפֿט מאַכן אַ לעבן פֿון שטעטל.

פֿון מײַן פֿריסטער יוגנט האָב איך שוין געזען דחקות, אָרעמקייט. מײַן מוטער, זייער אַן איידעלע און גוטע פֿרוי, האָט שטענדיק געליטן פֿון טאַטן, סײַ ווען ער איז געווען געזונט, און באַזונדערס ווען ער איז געווען קראַנק, אויסער וואָס זי האָט געהאַט צען קינדער און זיבן פֿון זיי באַגראָבן. זי פֿלעגט אָפֿט וויינען, ספּעציעל מאָנטאָג און דאָנערשטאָג בײַם זאָגן דעם „לאַנגן והוא רחום". מײַן האַרץ פֿלעגט מיר צערייסן ווערן פֿון רחמנות צו דער מאַמען און אַפֿילו צום טאַטן, וואָס ער איז צײַטנווײַז געווען די סיבה פֿון אירע טרערן, ווען איך פֿלעג זען, אַז נאָך אַ נאַכט הוסטן און קרעכצן דער-לאַנגט מען אים נאָכן דאַווענען שוואַרץ ברויט מיט זויערע בולבעס, אין דער צײַט ווען אַ פּאָר בייגל מיט אַ גלאָז מילך וואָלטן געווען גענוג פֿאַר אים און עס וואָלט אים ניט געשטיקט אַזוי דער הוסט. ער האָט געליטן פֿון אַ קורצן אָטעם און אַ לאַנגן הוסט, פֿון רעוומאַטיזם אין די ביינער, פֿון זײַנע שוואַכע אויגן און עפּעס נאָך פֿון אַ ייִדישער קרענק... די מאַמע פֿלעגט זיך טרייסטן מיט דעם, וואָס זי פֿלעגט אים רופֿן „כל מום רע"; פֿאַר מיר איז דאָס אָבער קיין טרייסט ניט געווען. און ווען איך בין שוין געווען דרײַצן יאָר אַלט פֿלעגט מיך שטיקן יעדער ביסן, וואָס איך האָב געגעסן אין דער היים. איך האָב שוין געוואָלט וואָס גיכער פֿאַרלײַכטערן זייער לאַגע. צו בר-מצוה האָב איך שוין געלערנט אין דער פֿרעמד און געגעסן טעג. מען האָט געדאַרפֿט שטיין בײַ דער

---

[1] דער מחבר פֿון די דאָזיקע אינטערעסאַנטע זכרונות וועגן די ערשטע יאָרן פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין ווילנע און ביאַליסטאָק, הלל קאַץ, איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער ווילנער פּיאָנערן-גרופּע און איינער פֿון די גרינדער פֿון „בונד", אַן אַרבעטער, באַקאַנט אין דער אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען הלל. זינט 1904 לעבט ער אין אַמעריקע, ווו ער רופֿט זיך הלל בלום. דער מחבר איז עטלעכע יאָר געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון די אומלעגאַלע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען „אַרבעטער-שטימע" און „אידישער אַרבעטער". שפּעטער האָט ער אויך אָפּגעדרוקט עטלעכע אַרטיקלען אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער סאָציאַליסטישער פּרעסע אונטערן פּסעוודאָנים „בן יחזקאל" און „הלל הזקן". — רעד.

טיר, ביז די בעל־הביתטע האָט געזאָגט: יינגעלע, גיי וואַש זיך". מען האָט געמוזט עסן אַלץ, וואָס מען האָט געגעבן; ווען די בעל־הביתטע פלעגט אַרייַנגיסן דעם שבתדיקן טשאָלנט אין די טעלער און דער אַרבל פון איר יאַקל האָט זיך געטונקט אין מייַן טעלער, האָב איך געשוויגן. פון דער נאַטור בין איך אַ בושת־פּנים, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַפילו איז מיר אויך אויסגעקומען אָפט צו לייַדן פון דעם, וואָס איך האָב זיך געשעמט דערציילן עמעצן דעם אמת וועגן זיך.

ווען איך בין אַלט געווען 15 יאָר, האָב איך געלערנט אין דער ישיבה אין ווילקאָמיר. איך בין געווען אַ „האַלבער מתמיד"; די מלמדים פלעגן זאָגן מייַנע עלטערן, אַז איך בין אַ „גוטער יינגל", אָבער איך האָב דאָס ניט געפילט. קיין רב—האָב איך זיך געטראַכט—וועל איך שוין ניט קענען ווערן, העכסטנס אַ מלמד, אָדער אַזוי אַ כּלי־קודש. אַזאַ תּכלית איז מיר ניט שטאַרק געווען געפעלן, אויסער דעם האָב איך שוין דעמאָלט געהאַט געלייענט „חטאת־נעורים" פון ליליענבלומען און „אהבת־ציון" פון מאַפּו. די באַצילע פון ספק איז שוין געווען אַרייַנגעדרונגען אין מיר, און דאָס האָט מיר געבראַכט פיל אומרויקע טעג און נעכט. און איך האָב באַשלאָסן צו זאָגן דעם טאַטן, אַז איך וויל ווערן אַ בעל־מלאָכה.

ווען איך בין געקומען אַהיים אויף פּסח, האָב איך געפונען בייַ אונדז אַ נייַעם שכן. שקומיאַן, אַ שטעטל פיר מייַל פון אונדז, האָט אָפּגעברענט, און דער רב פון יענעם שטעטל האָט געוווינט בייַ אונדז אין הויז. יום־טוב צו כּיבוד האָט ער מיר פאַרגעבן אַ „לייענען"—אַ בלאַט גמרא אין מסכתא קידושין; נאָכן פאַרהערן מיך איז ער פאַרבליבן מיט מייַנע עלטערן, איך בין אַרויף אויפן בוידעם און צוגעלייגט אַן אויער צו די לובעס. איך האָב געפילט, אַז דאָרטן אונטן ווערט באַשטימט מייַן גורל. „דאָס בלאַט גמרא האָט ער אָפּגעלייענט ניט שלעכט"—האָב איך געהערט, ווי דער רב זאָגט צו מייַנע עלטערן—„זאָל ער לערנען נאָך אַ פּאָר יאָר, דערנאָך וועט ער זייַן ערגעץ־ווו אַ מלמד אויף אַ ישוב, צי אין אַ קליין שטעטל, אָנקלייַבן עטלעכע רובל אויף אויסצוקערעווען זיך פון פּריזיוו, דערנאָך וועט ער קענען טאָן אַ שידוך"... מייַנע עלטערן זייַנען אַרויס זייער צופרידענע און איך האָב קיין מוט ניט געהאַט צו זאָגן זיי, אַז איך וויל ווערן אַ בעל־מלאָכה. צום צווייטן מאָל, אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך זיך שוין אָנגענומען מיט מוט און אָנגעזאָגט דעם טאַטן די בשורה, אַז איך זע פאַר זיך ניט קיין תּכלית פונעם לערנען, און אַז איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אַ בעל־מלאָכה. דעמאָלט האָט זיך ערשט אויפגעהויבן דער ריכטיקער ויצעקו... דער טאַטע האָט געזאָגט: „ווילסט ווערן אַ שנייַדער?—אַנדערשוווּ, ניט בייַ מיר!" די מאַמע האָט דערפילט, אַז דער גאַנצער נחת, וואָס זי האָט דערוואַרט פון מיר, ווי פון אַ ווילנער לערנער, איז פאַרשוווּנדן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איך בין געלאָפן פון דער היים אין די גרעסערע שטעט—ווילקאָמיר, פּאָנעוועזש, ווילנע זוכן גליק, פּרווון מאַכן אַ זעלבשטענדיקן לעבן און אפשר אויך קענען העלפן פיל־ווייניק די עלטערן, די ברידער.

איך בין געקומען קיין ווילנע אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט גרויסע שטיוול, אַזוי אַז יעדערער האָט דערקענט, אַז איך בין „ניט קיין היגער". קיין צרות האָבן ניט געפעלט: געשלאָפן ווו אין אַ קלויז, אויף אַ האַרטער באַנק, געטאָן כּל עבֿודת־פּרך, ביז איך האָב זיך דערשלאָגן צו אַן אַרבעט און האָב שוין אָנגעהויבן פאַרדינען צוויי און אַ האַלב—דרייַ רובל אַ וואָך. עס זייַנען אַוועק אַ פּאָר יאָר, און דאָ האָט זיך אָנגערוקט דער פּריזיוו. אַנטלויפן קיין אויסלאַנד? האָט דער טאַטע געהאַט אַ הייַזל, ווו ער האָט געוווינט מיט מייַנע צוויי עלטערע ברידער, און מען וואָלט דאָס בייַ זיי צוגענומען. דאַרף מען בכן גיין דינען פאַר אַ סאָלדאַט. איך האָב אָפּגעאַרבעט נאָך אַ פּאָר יאָר אין ווילנע, בייַ שמוציקער און שעדלעכער אַרבעט, געפאָרן אַ מאָל אויף אַ יום־טוב אַהיים, אין אַ נייַעם גאַרניטער, וואָס איך האָב געקויפט אויף די „באַסאַקעס" אַ געניצטן, געבראַכט נאָך אַ פּאָר רובל צושטייַער אויף יום־טוב, דער מאַמען אַ מתנה אַ נייַע פאַטשיילקע,

דעם טאַטן אַ היטל. און בעת מען האָט מיך אָפּגעגעבן פֿאַר אַ סאָלדאַט, איין מאָל אַן ערבֿ־שבֿועות, האָב איך שוין געהאַט זעכצן רובל אָנגעגרייט; פֿון מײַנע עלטערן, האָב איך געוווּסט, קען איך קיין שטיצע ניט דערוואַרטן.

איך האָב דורכגעשפּאַצירט די גאַנצע לענג פֿון דעמאָלטיקן רוסלאַנד „עטאַפּנים פּאָריאַדקאָם" – מיטן עטאַפּ. ערשט דאָ האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט און די זכיה אָנצוזען רוסלאַנד. בעת מיר זײַנען דורכגעגאַנגען אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג די שטאָט כאַרקאָוו, מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס, מידע, דער שווייס האָט פֿון אונדז געגאָסן, זײַנען גרויסע געזונטע קאַצאַפּעס, וואָס זײַנען געזעסן אין מאַרק בײַ די טישלעך און געטרונקען טיי, געלאָפֿן אונדז אָנקוקן מיט אַ ציניש געלעכטער: „זשידקי, סלאַבי נאַראָד, אידוט" — ייִדלעך, אַ שוואַכע אומה, גייען. אַוועקגעשיקט דינען האָט מען מיך אַזש צהין, פֿונוואַנען נח מיט זײַנע זין און טעכטער און מיט אַלע חיות און בהמות האָבן זיך פֿאַרשפּרייט איבער דער וועלט נאָכן מבול—אַזש צו די הרי אַררט (אויף קאַווקאַז). דרײַצן חדשים האָב איך זיך געוואַלגערט אונטער די וועגנס, אין די שמוציקע באַראַקן, אין די לאַזאַרעטן,—ביז איך בין געקומען צוריק אַהיים אַ באַפֿרײַטער פֿון „סלוזשבע" און מיטגעבראַכט מיט זיך די קאַווקאַזער קדחת, וואָס האָט מיך געטרייסלט כמעט אַ יאָר צײַט.

ערשט געקומען צוריק פֿון פּריזיוו קיין ווילנע, בין איך צום ערשטן מאָל אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג[2] דורך אַ פּאָר חבֿרים מײַנע, אויך שנײַדערשע קינדער, וואָס האָבן געאַרבעט אין ווילנע. אין אָנהייב איז די באַוועגונג—ווי מיר האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען – געווען ניט מער ווי אַ מין ליבעראַליזם אָדער פֿילאַנטראָפּיע: יונגע סטודענטן, סטודענטקעס גיבן זיך אָפּ מיט לערנען אָרעמע אַרבעטער די רוסישע „גראַמאָטע", לייענען און שרײַבן. בײַ איינער אַ פֿרײַלין, וואָס פֿלעגט מיט אונדז לייענען שבת אַ דערציילונג פֿון „וואָסכאָד" („אַ געלערנטע, וואָס רעדט גוט רוסיש, מסתמא מוז זי זײַן אַ רײַכע"), האָב איך געבעטן, זי זאָל מיר קריגן אַ פֿלעשל ווײַן, ווײַל מײַן פֿאָטער איז שוין פֿופֿצן וואָכן געלעגן קראַנק. אויף דער צווייטער וואָך האָט זי מיר דאָס געבראַכט, און ווען איך האָב דאָס פֿלעשל ווײַן אַוועקגעשיקט אַהיים, איז געווען צו שפּעט... דער טאַטע איז שוין געווען געשטאָרבן. און די דאָזיקע „רײַכע", „געבילדעטע" פֿרײַלין, לאָזט זיך אויס, איז גאָר געווען העלענע די שנײַדערקע.

פֿון דער טענדענציעזער ליטעראַטור, וואָס מען פֿלעגט מיט אונדז לייענען, האָבן מיר פֿאַרשטאַנען, אַז די מחברים זײַנען זייער פֿאַראינטערעסירט אין דעם „ראַבאָטשי וואָפּראָס" – אין דער אַרבעטער־פֿראַגע. די פֿאָרלעזונגען און דער עיקר די שמועסן נאָך זיי האָב איך זייער ליב געהאַט. אַ פֿלײַסיקער לעזער בין איך געווען פֿון מײַן פֿריסטער יוגנט, נאָר וואָס? — דעם „קבֿ הישר", די „שבֿחי־הבעש"ט", וועגן דעם, ווי יוסף דעלאַ ריינה האָט זיך פֿאַרגומען צו כאַפּן דעם שטן, נאָר אַ שמעק פֿון ווייערך האָט דאָס אין גאַנצן קאַליע געמאַכט... בײַ מיכאַלציק דעם מלמד זײַנען אַפֿילו געווען שמ"רס און בלאָשטיינס ראָמאַנען צו לייענען „אויף פּראָקאַט", אָבער ווו נעמט מען די פֿינף קאָפּיקעס אַ וואָך?... איצט האָבן זיך פֿאַר מיר אַנטדעקט נײַע וועלטן. ביז דעמאָלט בין איך דאָס רובֿ געווען פּעסימיסטיש, האָב שטאַרק געפֿילט דעם ייִדן־עלנט און דעם וועלט־שמאַרץ איבער דער אַרומיקער אָרעמקייט און דחקות, וואָס מען האָט זיך אָנגעזען אין די גאַסן און אין די קעלערשטובן. אַזוי צום בײַשפּיל, איין מאָל אַ פֿרײַטאָג פֿרי, אַרום פֿינף־זעקס אַזייגער, האָט אין ווילנע אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער רעגן, דאָס וואַסער האָט גענומען רינען פֿון די בערג אַראָפּ אויף די טראָטואַרן גלײַך אין די קעלערס, און אויף זאַוואַלנע גאַס, אין מיטן שטאָט, זײַנען אין איין קעלער דערטרונקען געוואָרן זעכצן מענטשן, דאָס רובֿ יונגע קינדער—די עלטערע זײַנען שוין געווען אַרויס צו דער אַרבעט

[2] מסתמא אין 1890—1891. — ר ע ד׳.

און אין די מערק – און נאָך צוויי מענטשן זײַנען דערטרונקען געוואָרן אין אַ צוויטן קעלער לעבן דעם טײַך ווי̇ליע. אין דער השכלה־ליטעראַטור האָט מען קיין ענטפֿער אויף די אָנגעווייטאָגטע פֿראַגן ניט געפֿונען. איצט אָבער האָב איך געקראָגן אַ באָדן אונטער די פֿיס. עס לוינט זיך צו לעבן און לײַדן, קעמפֿן און שטאַרבן צוליב אַן אידעע, צוליב אַ באַפֿרײַונג־באַוועגונג! עקאָנאָמיש איז מיר בעסער ניט געוואָרן, נאָר מען איז געווען אַ מסתפּק במועט און וועגן זיך האָט מען ניט געקלערט. אָבער גײַסטיק איז מען געווען צופֿרידן — דאָס האָט געווירקט די ראָמאַנטיק פֿון דער אונטערערדישער אַרבעט, מען האָט זיך באַטראַכט פֿאַר העלדן. און אין דער אמתן האָט מען זיך טאַקע איבערגע־אַנדערשט און פֿון קליינשטעטלדיקע פּחדנותדיקע יינגלעך איז מען געוואָרן העלדישע, און צײַטנווײַז אַפֿילו איבערגעטריבענע, חוצפּהדיקע קעמפֿער.

אַ צײַט האָבן מיך געפּלאָגט די רעליגיעזע פֿראַגן. פֿון דער השכלה־ליטעראַטור און פֿון די נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע ביכלעך זײַנען שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן די נאַיִווע באַגריפֿן פֿון בריאת העולם און פֿון רעליגיע אין אַלגעמיין, אָבער קיין פֿעסטע איבער־צײַגונגען האָב איך ניט געהאַט. פֿלעג איך זיך שוין דערלויבן אַמאָל ניט צו דאַווענען שבת, ווען מען טאָר קיין תּפֿילין ניט לייגן, אין דער וואָכן אָבער האָב איך נאָך מורא געהאַט צו פֿאַרבייגן דאָס דאַווענען, ווײַל עס איז פֿאַראַן אין תּלמוד איין אויסדרוק: „קרקפֿתּא דלא מנח תּפֿילין אין לו חלק לעולם הבא".[3]

אַ וועלטלעכע בילדונג האָב איך געקראָגן גאָר ניט קיין גרויסע. ווען איך בין אַלט געווען צען יאָר, איז אַרײַנגעפֿאָרן צו אונדז אין שטעטל אַ לערער; אַלע קינדער פֿון שטעטל, און אַפֿילו גרויסע כּלה־מיידן, האָבן זיך געלערנט בײַ אים שרײַבן, פֿאַר דרײַ רובל אַ זמן. איך בין צו אים געגאַנגען צוויי זמנים, איז אָבער די גאַנצע קענטעניש פֿון לערער באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהאַט זייער אַ שיינעם כּתבֿ; „קײַלעכדיקע געטאָקטע ווערטערלעך, אַ ריכטיקער בריוון־שטעלער" – אַזוי האָבן געזאָגט אויף אים מבֿינות די טאַטעס מיט די מאַמעס, און פֿאַר אַ קאָפּיקע אַן „אַפֿאָר", וואָס מען האָט אים געגעבן יעדן חודש, אויסער די דרײַ רובל, האָבן זיך אַלע געמאַטערט נאָכצומאַכן זײַנע צאַצ־קעלעך. מיט אָט דעם באַגאַזש קענטענישן בין איך אַרײַן אין דער באַוועגונג.

איצט, דערוויסנדיק זיך וועגן דער רײַכער רוסישער ליטעראַטור, מוז מען דאָך שוין קענען לייענען רוסיש און פֿאַרשטיין. איז נאָך אַ צוועלף־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, דערצו 40 מינוט אין דער פֿרי און דאָס גלײַכן פֿאַרנאַכט דאָס לויפֿן צו דער אַרבעט און פֿון דער אַרבעט, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאָס לעבן פֿאַר זיך. פֿיל אַרבעטער האָבן זיך גענומען צו קירפּיטשניקאָווס רוסישע גראַמאַטיקע און אילאָווײַסקיס היסטאָריע און זײַנען מיט דער צײַט געוואָרן גראָשענע לערערס און האָבן זיך שוין אויך געהאַלטן פֿאַר „אינ־טעליגענטן". איך האָב דערצו קיין געדולד ניט געהאַט, בעת אַ ים מיט פֿראַגן האָבן מיר געדריקט דעם מוח. פֿון אַלץ, וואָס איך האָב געהערט ריידן און דיסקוטירן, אָנגעהויבן פֿון דעם, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿריער, די הון צי די איי, און געענדיקט מיט דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, אָדער פֿון דאַרווינס טעאָריע ביז דער פּאַריזער קאָמונע — אַלץ האָב איך געוואָלט פֿאַרשטיין, וויסן. און דאָ לויף אַרום און חזר: [4]столу, стола, стол ווי עס איז בין איך דערקראָכן צו דער „פֿעסטונג" פֿון דער רוסישער גראַמאַטיק — צו די „גלאַגאָלן".[5] אָבער איך פֿלעג בעסער וועלן לויפֿן הערן אַ לעקציע וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע אָדער נאַטורוויסנשאַפֿט מיט עקספּערימענטן, וואָס מען פֿלעגט האַלטן אין די געהיימע קוואַרטירן. דאָס פּאָפּולערסטע ביכל איז דעמאָלט געווען זאָבאָווס „שמועסן וועגן

---

[3] אַ שאַרבן, וואָס אויף אים איז ניט געלייגט געוואָרן קיין תּפֿילין, האָט ער (דער מענטש) קיין חלק ניט אויף יענער וועלט. דער אויסדרוק אין תּלמוד לייענט זיך אייגנטלעך אַזוי: „פּושע ישראל בגופם מאי ניהו? קרקפֿתּא דלא מנח תּפֿילין" (מסכתא ראש השנה, דף י"ז). — רעד'.

[4] פֿאַרשיידענע גראַמאַטישע פֿאָרמען פֿונעם וואָרט „טיש" אין רוסיש.

[5] צײַטווערטער.

דער נאַטור״; איך האָב שוין געהאַט געלייענט פֿון די פֿריערדיקע יאָרן אין העברעיִש בערנשטיינס „ידיעות־הטבע״, „ספורי הטבע״ פֿון האָפֿמאַן און פֿיל אַנדערע ביכער. אָבער זאָבאָוו אָדער גאָר אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר —אַרקאַדי קרעמער (ער איז געווען מײַן ערשטער לערער אין סאָציאַליזם)—האָבן אַרײַנגעבראַכט אין מײַן וויסן אַ סיסטעם. איך פֿלעג לייענען צו עטלעכע ביכער מיטאַמאָל, ערנסטע, ווי פּיסאַרעוו, באָקל, פֿלעכאַנאָוו אָדער קאַוטסקי, ווען איך האָב געהאַט מער רויִקע צײַט — שבת, יום־טובֿ, און אַמאָל גאָר אין מיטן דער נאַכט, צוויי—דרײַ אַ זייגער, ווען איך בין שוין געווען אַ ביסל אויסגעשלאָפֿן. דאָס לייענען פֿלעגט אָנקומען ניט לײַכט, מען האָט געדאַרפֿט אָפֿט אַרײַנקוקן אין אַ פֿרעמדווערטער־בוך, אָבער אין אַ פֿאַרלויף פֿון עטלעכע חדשים בין איך שוין געוואָרן אַ בקי אין די אויסלענדישע ווערטער, וואָס איך האָב אין די ביכער אָנגעטראָפֿן. איך פֿלעג אויך לייענען טורגעניעוו, סטאַניוקאָוויטש, הוגאָ און אַנדערע בעלעטריסטן, אויך ביאָגראַפֿיעס פֿון גרויסע מענטשן פֿון פֿאַוולענקאָווס אויסגאַבע. דאָס פֿלעג איך געוויינטלעך לייענען בײַם עסן און ווו נאָר עס איז אויסגעקומען. ווען איך האָב דורכגעלייענט וועגן דאַרוויניזם בײַ טימיריאַזעוון און בײַ פּיסאַרעוון, אויך וועגן אָגיוסט קאָנטס „היסטאָרישע אידעען״ און עפּעס אַן אַרטיקל וועגן רעליגיע בײַ באָקל, האָב איך דערפֿילט, ווי עס זײַנען מיר אַראָפּגעפֿאַלן בעלמעס פֿון די אויגן, און איך בין געוואָרן דער אמתער צו־להכעיס־אַפּיקורס, ווי די אַמאָליקע אַנאַרכיסטן. ערשט שפּעטער האָב איך גענומען קוקן אויף די רעליגיעזע פֿראַגן מיט אַ מער היסטאָריש־פֿילאָסאָפֿישן בליק.

II

אַרום יענער צײַט זײַנען די פֿירער פֿון דער באַוועגונג אין ווילנע געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז מען דאַרף בײַטן די טאַקטיק און אָנשטאָט די פֿריערדיקע פּראָפּאַגאַנדע־קרײַזלעך אין רוסיש אַריבער צו אַ מ אַ ס ן ־ אַ ג י ט אַ צ י ע א י ן י ִ ד י ש. דאָס האָט אַרויסגערופֿן די ערשטע „אָפּאָזיציע״, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַ ב ר אַ ם „ר ע ז ־ ט ש י ק״ (אַבֿרהם גאָרדאָן). ער איז געווען אַן אַרבעטער, וואָס האָט פֿיל געלייענט, באַזונדערס די קריטישע ליטעראַטור פֿון דאָבראָליובאָוו, באָקל און אַנדערע, האָט געהאַט אַ זעלטענעם זיכּרון, אָבער ווינציק עלעמענטאַרע בילדונג; אַלס יִנגל איז ער געגאַנגען אין אַ פֿאָלקשול גאָר אַ קורצע צײַט. איך בין אַ יאָר צײַט געווען זײַנער אַן אָנהענגער, געוווינט מיט אים צוזאַמען אויף איין קוואַרטיר, און ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף מיר. אָבער איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז קיין שום פּאָזיטיווע פּראָגראַם האָט ער ניט.

אין די יִדישע היסטאָרישע ביכער, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט, ווי דער „יוסיפֿון״, דער „סדר הדורות״ און אַפֿילו אין קלמן שולמאַנס „דברי ימי עולם״, האָב איך קיין ענטפֿער ניט געפֿונען אויף די אַלע ג ע ז ע ל ש אַ פֿ ט ל ע כ ע פֿראַגן, וואָס האָבן מיך אינטערעסירט. אגבֿ בין איך געווען אַזוי סוביעקטיוו אין מײַן דענקען, אַז איך האָב געמיינט, אַז אַלעמען דאַרף און מוז דאָס אינטערעסירן אַזוי ערנסט ווי מיך. און מיט אַמאָל אַזאַ איבערבראָך... די יִדישע ראַדיקאַלע ליטעראַטור איז באַשטאַנען אין גאַנצן פֿון עטלעכע בראָשורן, פֿון אַ פּאָר אַמעריקאַנער יִדישע אויסגאַבעס און זשורנאַלן, וואָס פֿלעגן צו אונדז דערגיין. מיט דעם איבערגאַנג צו דער נײַער פּראָגראַם זײַנען די אַלטע קוואַלן פֿון דער רוסישער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור און אויפֿקלערונג פֿאַרמאַכט געוואָרן, און עס איז, למשל, געווען אַ רחמנות צו קוקן, ווי אַלעקסאַנדער (קרעמער) פֿלעגט זיך מאַטערן צו דערקלערן אַ לעקציע וועגן פֿיזיק אָדער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין י ִ ד י ש.

די „אָפּאָזיציע״ האָט אָנגעהאַלטן מער ווי אַ יאָר צײַט. מײַן באַגריף וועגן סאָציאַליזם איז תּחילת געווען געבויט אויף די אַלטרויִסטישע געפֿילן פֿון רחמנות, יושר, גלײַכקייט אדג״ל. וואָס מער איך האָב זיך באַקאַנט מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער

ליטעראַטור, טאַקע אונטער די אָנווייַזונגען פֿון „רעזשטשיקן“, און גענומען באַגרייַפֿן די טעאָריע אָביעקטיוו — אַז דער סאָציאַליזם ווערט אַרויסגערופֿן דורך דער עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט — אַלץ מער האָב איך זיך פֿון אים דערווייַטערט און צום סוף האָב איך די „אָפּאָזיציע“ אין גאַנצן פֿאַרלאָזן. אַ צווייטער, וואָס האָט געשפּילט אַ ראָלע אין דער אָפּאָזיציע, איז געווען אַבראַם דער יוּוועליר, אַ יונגער בחורל פֿון אַ 16—17 יאָר, ער האָט געענדיקט אין ווילנע אַ פֿאָלקשול, געשריבן און גערעדט פֿרייַ רוסיש און האָט זיך אַרומגעקריגט מיט די אינטעליגענטן. מיר, וואָס זייַנען געווען שווער אויף דער „עבֿרי“, האָבן געקוקט אויף אים פֿון אונטן אַרויף, ווי אויף אַ „האַלבן אינטעליגענט“. נאָך אַ יאָר צייַט פֿון מייַן באַקאַנטשאַפֿט מיט אים האָב איך געהערט, ווי ער האָט אַמאָל אַ פֿרעג געטאָן — אין רוסיש געוויינטלעך: „צי איז אַלכּסנדר מוקדון געווען אין רוסלאַנד?“ און דעמאָלט איז זייַן גאַנצע גרויסקייט אַראָפּגעפֿאַלן בייַ מיר אין די אויגן. איך האָב אייַנגעזען, אַז ווען מען ווייס שוין אַפֿילו ווו צו שטעלן דעם רוסישן ѣ, איז מען נאָך אַלץ ניט קיין אינטעליגענט...

אין יענעם ווינטער (1894) איז געשטאָרבן אַלעקסאַנדער דער דריטער. „רעזשטשיק“ האָט מיך אויפֿגעפֿאָדערט, אַז איך זאָל אָנשרייַבן וואָס וועגן זייַן טויט. איך האָב דאָס פֿאָרגעלייענט דערנאָך אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון 70—80 מענטשן. די רעדע האָט געטראָגן מער אַ פּעליטאָן-כאַראַקטער. אין אָוונט האָט מיך באַגעגנט „דער לערער“[6] און גע-פֿרעגט, וואָס איך האָב דאָרט אָנגעשריבן אין מייַן „הספד“; האָב איך זיך פֿאַר אים באַקלאָגט, אַז איך האָב עגמת-נפֿש, וואָס איך האָב ניט די מעגלעכקייט און די נייטיקע קענטעניש כּדי צו באַשרייַבן אַלץ, וואָס מען וואָלט געקענט און געדאַרפֿט. יעדן פֿרי-מאָרגן — האָב איך אים דערציילט — בייַ די אויסגעהאַנגענע בולעטענס, וואָס פֿלעגן באַריכטן וועגן דעם צושטאַנד פֿון קיסרס געזונט אין דער צייַט פֿון זייַן קראַנקייט, קוק איך זיך צו, ווי אַלטע ייִדן מיט גרויע בערד גייען דאַווענען מיטן טלית און תּפֿילין אונטערן אָרעם און שטעלן זיך אָפּ, מאַטערן זיך אַרויסצולייענען אַ וואָרט, פֿאַרריכטן אַלע ווייַלע די ברילן און טאַפּן מיט די פֿינגער די בולעטענס, און איצט, ווען אַלע זייַנען אַזוי פֿאַראינטערעסירט אין קיסרס צושטאַנד און האָבן עפּעס אומבאַשטימטע האָפֿענונגען, איז די סאַמע צייַט צו באַשרייַבן דעם גאַנצן באַרג גזירות, וואָס האָט זיך געשאָטן אויף אונדז ייִדן אין די דרייַצן יאָר פֿון זייַן הערשאַפֿט — דאָס וואָלט געווען אַ זעלטענער מאַטעריאַל פֿאַר אַגיטאַציע... אַ צווייטן מאָל האָב איך, אין פֿאַרבינדונג מיט דער נייַער טאַקטיק, אַרויסגעזאָגט אַזאַ געדאַנק פֿאַרן „לערער“ (גאָזשאַנסקי): בכדי מענטשן זאָלן קענען זייַן קעמפּער-מאַרטירער פֿאַר אַן אידעע, דאַרפֿן זיי דאָך זייַן פֿיל-ווייניק אינטע-ליגענט; גיט אַ קוק — האָב איך געזאָגט — ווער זייַנען געווען די עשרה הרוגי מלכות, די קרבנות פֿון די קרייצצוגן, אינקוויזיציע און דעם גאַנצן צעטל פֿון אונדזער מאַרטירער-געשיכטע? אַ רבי עקיבֿא, אַ יעקבֿ טיראַדאָ[7] און ניט די אומוויסנדיקע אייַנפֿאַכע מענטשן פֿון פֿאָלק. — „ניט אמת! — האָט מיר „דער לערער“ געענטפֿערט — דאָס פֿאָלק האָט אַלע מאָל מער געליטן און געאָפּפֿערט, עס ווענדט זיך נאָר, ווער עס שרייַבט די געשיכטע; געשריבן האָבן זי די אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך מיטן פֿאָלק ניט גערעכנט“. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז מיר אויסגעקומען אָפֿט צו דערמאָנען די פֿראַזע: „עס ווענדט זיך נאָר, ווער עס שרייַבט די געשיכטע“.

---

6 דער פּאַרטיי-נאָמען אין יענער צייַט פֿון שמואל גאָזשאַנסקי, אויך — „פֿרידריך“; מער באַקאַנט אונטער זייַן ליטעראַריש-פּאַרטייִשן פּסעוודאָנים „לנו“.

7 יעקבֿ טיראַדאָ — פֿון די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען, וואָס איז אַנטלאָפֿן סוף 16טן י״ה קיין האָלאַנד, האָט זיך מגייר געווען און איז עפֿנטלעך אַריבער צום ייִדנטום; געווען דער ערשטער גרינדער פֿון דער ספֿרדישער קהילה אין אַמסטערדאַם. — רעד׳.

„דער לערער“ איז אין יענער צײַט אָפּגעפּאָרן פֿון ווילנע. אין אייניקע חדשים אַרום איז אַרויס אַ נײַע בראָשור „אַ הספד נאָך אַלעקסאַנדער דעם דריטן“. איך האָב געהאַט אין גאַנצן פֿאַרגעסן אָן אונדזער שמועס, ווי אָן פֿיל אַנדערע צופֿעליקע שמועסן; איך האָב שוין דעם „לערער“ בכלל מער ניט געזען, עד היום הזה. מיט זעקס יאָר שפּעטער בין איך געווען אין דווינסק. אַהין איז גראָד געקומען צו פֿאָרן אַ יונגער אינטעליגענטער בחור מיטן נאָמען אַ ה ר ן (דעווענישסקי—ווײַטער) און מיר זײַנען אייניקע וואָכן געווען צוזאַמען; האָט ער מיר דערציילט, אַז „דער לערער“ מיט נאָך איינעם אַ רוס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון סיביר און אויפֿן שיף אויף דער וואָלגע[8] האָט זיי אַ שפּיאָן דערקענט און מען האָט זיי אַרעסטירט. מיר האָבן זייער באַדויערט דעם פֿאַל; דער „בונד“ האָט זיך דעמאָלט זייער געניײטיקט אין אינטעליגענטע אַקטיווע טוער, דער גאַנצער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון „בונד“ איז געווען אַרעסטירט, און גאָזשאַנסקי האָט עס באַדאַרפֿט פֿאַרבײַטן די אַרעסטירטע מיטגלידער. איך האָב דערציילט אַהרנען וועגן די ערשטע יאָרן פֿון דער צײַט פֿון דער „אָפּאָזיציע“ און דערמאָנט אויך די שמועסן, וואָס איך האָב געהאַט מיטן „לערער“.—„זײַט איר דאָס אפשר הלל?“—האָט ער אויסגעשריען אַ צופֿרידענער.—„יאָ, דאָס בין איך, וואָס איז דען אַזוינס?“ האָב איך געפֿרעגט פֿאַרוווּנדערט.—„מען האָט דערציילט, אַז דורך דעם אײַנפֿלוס פֿון אַן אַרבעטער הלל האָט דער „לערער“ אָנגעשריבן דעם הספד נאָך אַלעקסאַנדער דעם דריטן“. פֿאַר מיר איז דאָס געווען אַ נײַס; איך האָב געהאַט וועגן אַלץ פֿאַרגעסן. וועגן דעם „לערער“ פֿלעגט מען אויך דערציילן, אַז ער האָט שטאַרק געטרוימט וועגן דעם, אַז מען זאָל אים געבן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אַ דרײַ הונדערט אַרבעטער, פֿאַר וועלכע ער זאָל קענען ריידן פֿרײַ צוויי שעה צײַט; דערנאָך, האָט ער געזאָגט, אַרט אים ניט, מען זאָל אים אַרעסטירן. שפּעטער, בעת מען האָט אים אַרעסטירט אין ביאַליסטאָק (אין 1896), האָט מען בײַ אים געפֿונען די בראָשור „אַ הספד נאָך אַלעקסאַנדער דעם דריטן“; די זשאַנדאַרמעריע האָט עס געגעבן איבערצוקוקן דעם ווילנער ראַבינער; ווי מ׳גיט איבער, האָט דער ראַבינער געוויינט, לייענענדיק די בראָשור...

די „אָפּאָזיציע“ אין ווילנע האָט אָנגעהאַלטן און די באַוועגונג איז געווען אין אַ שטילשטאַנד. די פֿירמע, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט באַנקראָטירט, און איך בין געבליבן אָן אַרבעט. עס איז מיר אָפּילו אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק אַוועקצופֿאָרן קיין ענגלאַנד אָדער אַמעריקע, איך האָב שוין געהאַט אָפּגעשפּאָרט אַ קאַפּיטאַל פֿון גאַנצע 60 רובל, אָבער אין יענער צײַט האָבן מיר געהאַלטן פֿאַר ניט עטיש, פֿאַר אַ שטיקל פֿאַרברעכן, אַז אַ סאָציאַליסט זאָל פֿאַרלאָזן רוסלאַנד, כּל-זמן ער איז אַ לעגאַלער.

איינער פֿון מײַנע ערשטע און נאָענטסטע באַקאַנטע איז געווען מ אָ י ס ע י ל ו ר י ע, אַ זעצער.[9] בײַ אים האָב איך צום ערשטן מאָל געלייענט די באַשרײַבונג פֿון דער „יאַקוטסקער דראַמע“ פֿון 1889, ווי מען האָט דעמאָלט אויפֿגעהאַנגען די פֿיר רעוואָלוציאָנערן נאָטקין, האַוסמאַן, זאָטאָוו און כּהן-בערנשטיין; דעם לעצטן האָט מען געבראַכט צו טראָגן צו דער תּליה מיטן בעטל, ער איז געווען קראַנק, האָט מען אים אָנגעטאָן די שטריק אויפֿן האַלדז און אַרויסגעצויגן פֿון אונטער אים דאָס בעטל. די איבעריקע אָנטיילנעמער אין דער יאַקוטסקער דראַמע, ווי מינאָר, גאָץ און פֿיל אַנדערע האָט מען דעמאָלט פֿאַרשיקט אויף קאַטאָרגע, אויסער דעם זײַנען אייניקע געשטאָרבן פֿון די קלעפּ בײַם צוזאַמענשטויס מיט די פּאָליציי און סאָלדאַטן. עס האָט מיך פֿון דער געשיכטע

---

[8] גאָזשאַנסקי איז פֿון סיביר געלאָפֿן אין איינעם מיט מאַכאַיסקין (דעם אָנפֿירער פֿון דער האַלב-אַנאַרכיסטישער גרופּע, די „מאַכאַיעווער“, וואָס האָבן געפֿאָדערט, אַז די אַרבעטער אַליין, אָן אינטעליגענטן, זאָלן פֿירן זייער באַוועגונג; גאָזשאַנסקי איז אין יענער צײַט צוגעשטאַנען צו דער גרופּע); אַרעסטירט האָט מען זיי בײדן ניט אויף דער וואָלגע, נאָר אויפֿן וועג, אין סיביר גופֿא. — ר ע ד׳.

[9] געשטאָרבן אין 1912 אַלס עמיגראַנט אין דער שווייץ.

געטרייסלט אין היץ און קעלט, און עס איז אויפגעשטאַנען אַ געפּיל פון נקמה צו דער צאַרישער רעגירונג פאַר די דאָזיקע אַכזריות.

מאָיסעי לוריע פלעגט אָפּט צו מיר אַרײַנקומען, בעת ער פלעגט זײַן אין ווילנע. ער איז געווען פול מיט ענערגיע און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט כלערליי פּלענער, וואָס האָבן זיך דאָס רובֿ אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט. איין מאָל איז ער געקומען מיט אַ פּלאַן, אַז ער גייט עפענען אַ לעגאַלע דרוקערײַ אין ביאַליסטאָק, און איך און „רעזשטיק״ זאָלן זיך אַריבערקלײַבן אַהין, און מיר וועלן קענען דרוקן פּראָקלאַמאַציעס. „רעזשטיק״ איז טאַקע אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק קריגן אַרבעט; איך בין אויך צוגעפאָרן, אָפּ־געווען אַ וואָך צײַט, דורכגעפירט אַ פאַרזאַמלונג פון אַ פּאָר צענדלינג מענטשן שבת בײַ טאָג; איך געדענק, אַז איך האָב זיי פאָרגעלייענט פרצעס אַ פּעליעטאָן „אין אייראָפּע און בײַ אונדז אונטערן אויוון״ און עפּעס מײַנע אַן אייגענע זאַך; דעם אינהאַלט געדענק איך ניט, נאָר מסתמא אַ טענדענציעזע, לויט דער מאָדע פון יענער צײַט. איך בין געקומען צוריק קיין ווילנע און מיטגעבראַכט אַ פּעקל „מאַטעריאַל״ פון אַ דרוק. אָבער דער פּלאַן האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט; מ. לוריע איז שוין געווען אַ ביסל חשוד בײַ דער זשאַנדאַרמעריע און האָט קיין דערלויבעניש ניט געקראָגן. ער איז אויך געקומען צוריק קיין ווילנע. מיר זײַנען דעמאָלט געווען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג, אַליין, אָן אינטעליגענטן; די באַוועגונג האָט דערפון אויך שטאַרק געליטן. דעמאָלט האָט לוריע אונדז פאָרגעשלאָגן, אַז ער וועט פאָרן קיין כאַרקאָוו, דאָרטן האָט ער אַ ברודער אַ רעוואָ־לוציאָנער, וואָס געהער צו אַ גרופּע סטודענטן, וואָס זײַנען אויך ניט געווען שטאַרק צופרידן מיט דער נײַער טאַקטיק אין ווילנע. איך האָב אַרויסגענומען 25 רובל פון מײַן קאַפּיטאַל, אויסגעליִען לוריען, און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין כאַרקאָוו. זומער, אין דער צײַט פון וואַקאַציעס, איז די גאַנצע דערמאָנטע כאַרקאָווער גרופּע געקומען קיין ווילנע.

דער פּעִקסטער פון דער גרופּע איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט לאַנגע פּעך־שוואַרצע האָר, מיט אַ פּנים פון יעזוסן און אַ גרויסער מאָראַליסט; ספּינאָזע און מאַרקס זײַנען געווען זײַנע באַליבטע אויטאָריטעטן. ער האָט זיך ענערגיש גענומען צו דער אַרבעט און געוואָלט רעגולירן דעם קאָנפליקט אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע. די כאַר־קאָווער האָבן דורכגעשטודירט מיט אונדז אין אַ „קרוזשאָק״ (קרײַזל) מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל״ אין דער פּאָפּולאַריזאַציע פון קאַוטסקי און האָבן אויך אויסגעאַרבעט אַ „סאָגלאַשעניע״ (אַ הסכם, אַן אָפּמאַך) מיט דעם צווייטן צד אין דער באַוועגונג. אין די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך באַטייליקט אַלעקסאַנדער (קרעמער) און „כראָמאָי״[10] (מאַרטאָוו) פון איין זײַט, און די מיטגלידער פון דער כאַרקאָווער גרופּע—פון דער צווייטער; מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט זייערע נעמען: אַראָן לוריע פון פּינסק,[11] ד״ר פײַנבערג—אַ שאַוולער אָדער אַ פּאָנעוועזשער, און ד״ר ראָם – אַ ווילנער. דער פּעִקסטער פון זיי איז געווען אַראָן לוריע.

אין פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען איז געשאַפן געוואָרן די באַקאַנטע בראָשור (אין רוסיש) „אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן״,[12] וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע באַדײַטונג פאַר גאַנץ רוסלאַנד, ווו נאָר עס איז געווען אַן אַרבעטער־באַוועגונג; די דאָזיקע בראָשור איז געוואָרן אַ האַנטבוך פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאַקטיק אין רוסלאַנד.

---

10 דער הינקעדיקער.

11 מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער מעסיק־ליבעראַלער רוס׳ צײַטונג אין כאַרקאָוו „יוזשני קראַי״; אין די יאָרן פון בירגער־קריג דערשאָסן געוואָרן פאַר „קאָנטער־רעוואָלוציע״.

12 דאָ קען זײַן אַ טעות: געמיינט אפשר די רוס׳ בראָשור "Об агитации", וואָס אַלעקסאַנדער האָט אָנגעשריבן 1894, און ניט „אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן״, פון לנו — גאָזשאַנסקי; די לעצטע זע איבער־געדרוקט אין דעם זאַמלבוך. — ר ע ד׳.

אין גיכן איז כמעט די גאַנצע „אָפּאָזיציע" צוריק אַרײַן אין דער באַוועגונג, אויסער „רעזטשיקן"; ער איז פֿאַרבליבן אין אָפּאָזיציע אויף שטענדיק. אייניקע פֿון דער „אָפּאָזיציע" זײַנען אַרײַן דערנאָך אין די דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען וגם אני בתוכם.

די דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן פֿאָרקומען אין דרײַ פֿאַרשיידענע טיילן שטאָט, צו 10—12 מענטשן אין איין פּלאַץ. די אָנטייל-נעמער אין אָט די פֿאַרזאַמלונגען, אַ מאַן 30 אַגיטאַטאָרן און פֿאַרטרעטער פֿון פֿאַכן, זײַנען געווען דער קערן פֿון דער באַוועגונג. קיין פּראָטאָקאָל - ביכער האָט מען פֿאַרשטייט זיך ניט געפֿירט. עס פֿלעגט אַמאָל טרעפֿן, אַז מען האָט זיך ניט געקענט צוזאַמענקומען צוויי-דרײַ וואָכן, און איך פֿלעג באַוואונדערן, ווי וולאַדימיר (קאָסאָווסקי), מיט וועמען איך בין געווען אין דער זעלביקער גרופּע, פֿלעגט איבערגעבן געגנוי אַלץ, וואָס מען האָט אויף די פֿאַרזאַמלונגען גערעדט, ווער עס האָט געמאַכט די אָדער יענע באַמערקונג, מיט אַלע פּרטים, אַזוי ווי פֿון אַ בוך אַרויסגעלייענט. די אַלע דרײַ דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן זיך צוזאַמענקומען אין איינעם בײַ אַן אויסערגעוויינטלעכן פֿאַל, אָדער ווען מען האָט געדאַרפֿט אויסוויילן דעם געהיימען קאָמיטעט. די דאָזיקע פֿאַרזאַמלונגען זײַנען געווען קאָאָפּטאַטיווע פֿאַר די איבעריקע מיטגלידער פֿון דער באַוועגונג, דער קאָמיטעט פֿלעגט דאָרט געוויילט ווערן דורך געהיימע וואַלן. דאָס איז געווען אַ מין קדשי-קדשים פֿון דער באַוועגונג. אָפֿיציעל האָט קיינער ניט געוווּסט ווער עס גייט אַרײַן אין קאָמיטעט, נאָר איין פּערזאָן איז געווען אָפֿיציעל דער פֿאַרמיטלער צווישן די דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען און דעם קאָמיטעט — דאָס איז געווען אַלעקסאַנדער (קרעמער). די אויפֿגאַבן פֿון קאָמיטעט זײַנען געווען צוצושטעלן פּראָפּאַגאַנדיסטן פֿאַר די אַרבעטער-קרײַזלעך, צושטעלן ליטעראַטור, שאַפֿן פֿאַרבינדונגען מיט אַנדערע שטעט און אויך מיט אויסלאַנד און שאַפֿן געלט; ער האָט געהאַט רעכט צו קאָאָפּטירן פּערזאָנען, וואָס ער וועט געפֿינען פֿאַר פּאַסיק, ניט אָנפֿרעגנדיק בײַ די דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען. אויף מיר האָבן די פֿאַרזאַמלונגען געמאַכט אין אָנהייב זייער אַ גוטן אײַנדרוק; איך האָב אויף זיי געקוקט, ווי אויף אַן אַרבעטער-פּאַרלאַמענט אין מיניאַטור.

די ערשטע פֿיר-פֿינף יאָר פֿון מײַן אַרבעט אין דער באַוועגונג זײַנען אין אַלגעמיין די בעסטע אין מײַן לעבן. וועגן מאַטעריעלער באַקוועמלעכקייט האָט מען זיך ווינציק געקימערט, אידעיִש איז מען געווען באַפֿרידיקט, אַלע חבֿרים זײַנען געווען פֿרײַנדלעך, ברידערלעך, איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן, ווען איין אַרבעטער פֿלעגט צום בײַשפּיל קראַנק ווערן. איך געדענק, ווי איינער אַן עלנטער סטאָלער, וואָס האָט געהאַט אַ שטיקל שײַכות צו דער באַוועגונג, איז געוואָרן קראַנק, ער האָט געוווינט אין אַ קעלערשטוב; פֿלעגן מיר זיצן גאַנצע נעכט משמורים בײַ אים, און ווען דער דאָקטאָר האָט אים געהייסן מאַכן וואַרעמע וואַנעס, האָט מען דאָס אויך באַוויזן — מיר פֿלעגן טראָגן הייסע עמערס וואַסער פֿון די „טשאַינעס" (טיי-טראַקטיר). וואָס מען האָט געקענט טאָן אַליין, האָט מען געהאַלטן פֿאַר אוממאָראַליש צו באַנוצן זיך מיט אַ צווייטן. ווען איך פֿלעג אויפֿשטיין אין דער פֿרי, פֿלעג איך אָפּט אויטאָמאַטיש נעמען זאָגן די ברכה „ברוך אלהינו... והבדילנו מן התועים ונתן לנו תורת אמת" אאז"וו. פֿון ספֿקות, פֿון אַנטוישונגען האָט מען ניט געוווּסט; די אידעע איז נאָך געווען זויבער, אומבאַפֿלעקט, ווי אַלץ וואָס איז יונג. עס איז נאָך אין דער באַוועגונג געווען מער אויטאָפּיזם, מער פּאָעזיע, און דערפֿאַר אויך מער צויבער.

פּורים-צײַט האָט מען שוין גענומען דיסקוטירן די פֿראַגע, ווי מען זאָל פֿײַערן דעם ערשטן מאַי אויף אַ גרויסן מאָסשטאַב. נאָך לאַנגע באַראַטונגען איז געבליבן, מען זאָל פֿײַערן אין דרײַ פּלעצער, און ניט אַלע צוזאַמען, ווי מ'האָט געהאַט פֿאָרגעשלאָגן. מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין די וועלדער אַרום ווילנע אין איינעם אַ שבת. בײַ די לעצטע זיצונגען פֿון די דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען האָט דער קאָמיטעט אַרויסגעגעבן אינסטרוקציעס, אַז יעדער אַגיטאַטאָר זאָל גיין מיט זײַנע מענטשן, דורך באַזונדערע וועגן און

ניט אַלע אין איין צײַט; אין פֿאַל, אויב עס וועט אויפֿקומען אַ חשד אָדער עפּעס אַ שטערונג, זאָל מען זען צו פֿאַרהיטן די מאַסע, געבן איר אַפּריער די מעגלעכקייט פֿונאַנדערצוגיין זיך, און מיר זאָלן בלײַבן די לעצטע; איידער די פֿײַערונג וועט זיך אָנהייבן, זאָל מען אַרויסשיקן שומרים בײַ די אַרײַנגאַנגען פֿון וואַלד פֿון אַלע זײַטן און זיי זאָלן שטיין אויף דער וואַך די גאַנצע צײַט. הירשע דעם סטאָלער[12] און מיך האָט דער קאָמיטעט באַשטימט פֿאַר די פֿאָנען-טרעגערס (דעם דריטן געדענק איך ניט), גיט אויף צו מאַרשירן מיט דער פֿאָן פֿאָרויס — אַזוינס האָט נאָך דעמאָלט ניט געקענט געמאָלט זײַן, נאָר מיר האָבן פּשוט געדאַרפֿט קומען דעם שבת, נעמען די פֿאָן און די געשריבענע רעדעס, אַ פּאָר מאָל דורכלייענען זיי אַפּריער, בכדי מיר זאָלן דאָס קענען לייענען פֿליסיק, קומען אין וואַלד די ערשטע, באַהאַלטן דאָס און וואַרטן אויפֿן עולם.
צום באַשטימטן שבת בין איך געקומען צו פּ אַ ט י ן, זי האָט מיר דערלאַנגט די רעדע און די פֿאָן — אַ שטיקל רויט לײַוונט, די גרייס ווי אַ קאָפּטיכל, מיט די אויפֿשריפֿטן: „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער — פֿאַראייניקט אײַך!" „עס לעבע דער ערשטער מאַי!" „מיר פֿאָדערן אַ 8 שטונדיקן אַרבעטסטאָג!"[13] און איך בין אַוועק אין וואַלד, באַהאַלטן די רעדע מיט דער פֿאָן אונטער אַ שטיין און געלעגן און געוואַרט אויפֿן עולם. די ערד איז נאָך געווען נאַס און קאַלט, אין אייניקע ערטער איז נאָך געלעגן דער פֿאַרשוואַרצטער שניי, און איך האָב זיך געקלערט: ווער ווייס ווו איך וועל זײַן דעם צווייטן שבת? טאָמער אַרעסטירט מען מיך? אַ רחמנות אויף דער מאַמען. ווי וועט זי דאָס אַריבערטראָגן, אַז איר זון זאָל זײַן אַן אַרעסטאַנט, זיצן אין 14טן נומער און אפֿשר גאָר ווערן אַ „סיבירניק"?... פֿונדעסטוועגן בין איך געווען שטאָלץ, וואָס מען האָט מיר אָנגעטרויט אַזאַ וויכטיקע אַרבעט און איך דאַרף זײַן דער ערשטער רעדנער.

אַרום איינס אַזייגער זײַנען זיך צונויפֿגעקומען 175 — 180 אַרבעטער טיף אין וואַלד, ווײַט פֿון די רעלסן, ווו די באַן גייט. מאַריע (זשאַלודסקי), אין אַ רויטער בלוזע, איז אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ פּיען פֿון אַן אָפּגעזעגטן בוים און געעפֿנט די פֿאַרזאַמלונג מיט איר מענערישער שטים: „שוועסטער און ברידער אַרבעטער!" דער עולם האָט זיך צונויפֿגענומען נענטער. זי האָט אין קורצע ווערטער דערקלערט די באַדײַטונג פֿון ערשטן מאַי און פֿון דער איצטיקער פֿאַרזאַמלונג; מען האָט געזונגען די „שבֿועה" (ניט אַנסקיס), און זי האָט מיך פֿאָרגעשטעלט אַלס רעדנער. איך בין געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים און אָנגעהויבן צו לייענען; דער עולם האָט זיך צוגעהערט אויפֿמערקזאַם. די רעדע האָט געדויערט בײַ אַ 40—45 מינוט; אויפֿגערעגט בין איך געווען און האָב געלייענט מיט אַ טאָן העכער, ווי איך רייד געוויינטלעך. ווען איך האָב אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ פֿון פּאַפּיר, ווו איך האָב געהאַלטן אײַנגעגראָבן די אויגן, ווײַל איך האָב זיך געשעמט צו קוקן אויף מײַנע צוהערער, און האָב דערזען פֿאַר זיך אַנטקעגן דאָס בערגל, ווו עס זײַנען געזעסן די חבֿרטעס, מיט זייערע קאָלירטע בלוזעס און סטענגעס, און די חברים, מיט די שוואַרצע און רויטע „רובאַשקעס" (העמדלעך), האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דאָס בערגל איז מיט בלומען באַוואַקסן און צענדליקער אויגן קוקן אויף מיר פֿון די בלומען אַרויס. איך האָב דערפֿילט, ווי די קני ווערן מיר שוואַך און דער קאָפּ שווינדלט אַ ביסל, נאָר איך האָב זיך געפֿאַסט מוט—אַלעקסאַנדער האָט שטרענג אָנגעזאָגט, מען זאָל ניט „פּאָדגאַדיען",[14] און איך האָב ווײַטער געלייענט, ביז איך האָב געענדיקט.

די צווייטע רעדע האָט געלייענט ישראל-מיכל[15] — און האָט „פּאָדגאַדיעט". נאָך די רעדעס האָט מען אַרויסגעשלעפּט פֿון די קוסטעס אַ פּאָר פֿלעשלעך בראַנפֿן, ביר, וווּרשט

---

12 געמײנט — גרישע סאָראָקאַ.

13 צי האָט דאָ ניט דער מחבר אַ טעות? — נאָך אין יאָר 1895 האָבן די ייִדישע אַרבעטער דעם 1טן מאַי אין ווילנע אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג פֿון אַ 10 שעהדיקן אַרבעטסטאָג און ניט פֿון 8 שעה. — ר ע ד'.

14 ניט צעפּאַטשקען, ניט קאַליע מאַכן. 15 קאַפּלינסקי.

און אַנדערע צובײַסנס, און ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע שמחה. מיר האָבן אויפֿן אָרט פֿאַרברענט די געפֿערלעכסטע זאַכן, וואָס האָבן געקאָנט קאָמפּראָמעטירן די פֿאַרזאַמלונג — די פֿאָן און די רעדעס. מײַן אַרבעט איז שוין געווען אָפּגעטאָן, האָב איך איבערגעלאָזט די פֿאַרזאַמלונג משמח זײַן זיך און בין אַוועק אָנזאָגן אַלעקסאַנדערן, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט, ווי עס איז אַלץ צוגעגאַנגען. אַלעקסאַנדער איז געזעסן בײַ זיך אין צימער און געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד. ווי נאָר איך האָב געעפֿנט די טיר, איז ער צוגעלאָפֿן צו מיר: „נו, וואָס הערט זיך?“ האָט ער אויסגעשריען. — „אַלץ איז געווען אין בעסטער אָרדענונג“ — האָב איך געענטפֿערט. ער איז מיר אַרויפֿגעפֿאַלן אויפֿן האַלדז, און מיר האָבן זיך צעקושט. ער האָט אויסגעפֿרעגט יעדער קלייניקייט; ערשט איצט האָב איך אים דערציילט, אַז ישראל-מיכל האָט „פּאָדגאַדיעט“; היות ווי ער איז געווען באַוווּסט פֿאַר אַ פּויליאַק, האָט ער זײַן רעדע ניט איבערגעלייענט פֿריער און האָט זיך געמאַטערט בײַם לייענען פֿון אַ פֿרעמדער האַנטשריפֿט. די רעדע האָט פֿאַרלאָרן דעם עפֿעקט. אַלעקסאַנדער האָט זיך געכעסט און געשאָלטן דעם „פּוילן לודער“. „און וואָס איז דאָרטן איצט?“ — האָט ער ווײַטער געפֿרעגט. — „איצט הוליעט מען דאָרטן“ — האָב איך געענטפֿערט.

עס אוז שוין געווען פֿינסטערלעך אין צימער, ווען הירשע דער סטאָלער איז אַרײַנגעקומען פֿון צווייטן פלאַץ. „נו, וואָס הערט זיך?“ — האָט אים אַלעקסאַנדער געפֿרעגט. הירשע איז געווען אַ ביסל בגילופֿנדיק, אַרומגעגאַנגען מיט דער בלוזע איבער די הויזן און געשפּילט זיך מיט די פֿרענזן פֿון דער בלוזע; אין אַלגעמיין פֿלעגט נעמען בײַ אים אַ מינוט, איידער ער פֿלעגט אויסריידן אַ וואָרט, איצט איז געווען נאָך שווערער פֿון אים אַרויסצובאַקומען אַן ענטפֿער. — „נו, גיכער, הובל, רייד שוין!“ — האָט אַלעקסאַנדער זיך געבייזערט גוטמוטיק; עס האָט גענומען אַ רעכט ביסל צײַט, ביז מיר האָבן אַרויסגעקראָגן פֿון אים, אַז אַלץ איז אַראָפּ כשורה.

אויף מאָרגן, זונטאָג, בין איך אַרײַן אין שניפּישאָק אין אַ הויז, וווּ עס האָבן געוווינט צוויי שוועסטער, מײַנע באַקאַנטע — שיפֿרה און ליובע יוזעפֿאָוויטש. רופֿט זיך אָפּ זייער מוטער צו מיר: „גוט, וואָס איר זײַט געקומען! מוסרט אויס אַ ביסל מײַנע טעכטער; זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ טאָג נעכטן? איר וואָלט געזען וויפֿיל דאָ האָבן זיך געשאָטן מענטשן, יונגע, בחורים, מיידלעך און אַפֿילו עלטערע מענטשן אויך, אַ גאַנצן טאָג, אויף אַלע וועגן, וואָס פֿירן צום זווערינעצער וואַלד; מען זאָגט, אַז עס איז פֿאַראַן איין טאָג אין יאָר, ווען זיי גייען אַלע אין וואַלד; וואָס טוט מען, כ׳בעט אײַך, דאָרטן? מײַנע טעכטער זײַנען אויך אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג, זיי זײַנען אַפֿילו צום עסן ניט געקומען, איך האָב ניט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן, ערשט שפּעט בײַנאַכט זײַנען זיי געקומען. זאָגט אַליין, פּאַסט דאָס פֿאַר ייִדישע מיידלעך?“... ווען די מוטער איז אַרויס פֿון הויז, רופֿט זיך אָפּ שיפֿרה צו מיר: „איך האָב זיך געווּנטשן, אויב עס וועט וואָס פּאַסירן, זאָל דאָס בעסער טרעפֿן מיט מיר; איך בין געווען בײַ די „שטיבלעך“ און זי אין „זווערינעץ“, איך האָב די גאַנצע צײַט געקלערט: ווער ווייס וואָס דאָרטן הערט זיך; שטעלט זיך פֿאָר, ווען מען וואָלט זי אַרעסטירט, וואָס איך וואָלט געהאַט אין הויז פֿון די עלטערן! ערשט איך קום אַהיים, זי זיצט שוין און טרינקט טיי“.

נאָכן 1טן מאַי[16] האָט מען אָפּגעגעבן באַריכטן אין דער דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונג, אַז פֿינף הונדערט אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט אין דער פֿײַערונג. אַזאַ גרויסע צאָל

16 ווי מ׳קען פֿאַרשטיין, ווערט דאָ געמיינט דאָס יאָר 1896 פֿגל׳ דעם באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז פֿון 1900, ווו עס ווערט דערציילט, אַז אין ווילנע אויף דער מאַי-פֿײַערונג זײַנען בײַגעווען 540 אַרבעטער, וואָס האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין דרײַ פֿאַרשיידענע פּלעצער, צו 180 אין יעדערן. — ר ע ד׳.

איז געווען צום ערשטן מאָל, און די צופֿרידנקייט איז בײַ אַלעמען געווען זייער גרויס. אויך האָט מען דערציילט וועגן די נסים, וואָס האָבן פּאַסירט. אַזוי, אין איין פּלאַץ האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, אין אַ צווייטן פּלאַץ — אַ פֿאָטער מיט אַ טאָכטער, וואָס האָבן מחמת קאָנספּיראַציע איינער פֿון דעם אַנדערן ניט געוווּסט; אויך האָט מען דערציילט, אַז בעת מען איז געגאַנגען צוריק פֿון רוזעלע, האָט אַ „סטראַזשניק"[18] באַמערקט, אַז עפּעס צו פֿיל מענטשן דרייען זיך אַרום אויף די באַנרעלסן: „פֿון וואַנען גייען דאָס אַזוי פֿיל מענטשן?" — האָט ער געפֿרעגט; איינע אַ מיידל האָט אים געענטפֿערט: „אין ווילייקע איז הײַנטיקן שבת דאָ אַ גרויסער „ראַבין" (רבֿ), איז מען אים געגאַנגען הערן, איצט גייען מיר צוריק"; ער האָט דאָס אָנגענומען פֿאַר אַן אמת, און אַלץ איז אַראָפּ גלאַטיק.

די וואָך פֿון פּסח איז געווען אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע דרײַ דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען און מען האָט אויסגעוויילט אַ נײַעם געהיימען קאָמיטעט. איצט, נאָכן 1טן מאַי, האָט אַלעקסאַנדער אין זײַן באַריכט געזאָגט, אַז דעמאָלט זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן צו ווייניק אַרבעטער;[19] „מעגלעך, אַז דאָס איז אונדזער שולד, ווײַל מיר האָבן פֿאַרגעשטעלט צו שטרענג די אויפֿגאַבעס פֿון קאָמיטעט, און איר האָט ניט גענוג צוטרויען צו זיך אַליין. פֿאַרן ערשטן מאַי האָבן מיר די דאָזיקע פֿראַגע ניט געוואָלט אַרויפֿברענגען, איצט אָבער, אַז אַלץ איז אַראָפּ בשלום, פֿאַרלאַנגט דער קאָמיטעט נײַע וואַלן, און מען דאַרף זען, עס זאָלן אַרײַן מער אַרבעטער." בײַ אָט די צווייטע וואַלן זײַנען שוין אויסגעוויילט געוואָרן דרײַ אַרבעטער: הירשע דער סטאָלער, ישראל-מיכל דער שלאָסער און איך, דער שרײַבער פֿון די דאָזיקע זכרונות.

שפּעטער, יום-כּיפּור, איז פֿאַררופֿן געוואָרן אַ זיצונג פֿון אַלע דרײַ דיסקוסיע-פֿאַרזאַמלונגען אויף טראָקער גאַס, בײַ אַ גוט באַקאַנטן מאַן, וואָס האָט געהאַלטן איינעם פֿון די גרעסטע אַפּטייק-סקלאַדן אין שטאָט. אַלעקסאַנדער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז מען האָט געלייגט אַ בלומענקראַנץ אין פּאַריז אויף די קבֿרים פֿון די געפֿאַלענע קאָמונאַרן אין אונדזער נאָמען (צום 25-יאָריקן יובֿילײ פֿון דער פּאַריזער קאָמונע) און ווי מען האָט אויפֿגענומען די נײַס פֿון אונדזער מאַי-פֿײַערונג אין אויסלאַנד, און אַז פּלעכאַנאָוו האָט דערבײַ אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז מיר, ייִדישע אַרבעטער „וועלן זײַן דער אַ וואַ נ גאַ ר ד פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע". נאָך אַזאַ קאָמפּלימענט זײַנען מיר צו נעילה אַרויס פֿון דער פֿאַרזאַמלונג געלײַטערטע, זאַטע און צופֿרידענע, ספּעציעל ווען דער קאָמפּלימענט איז געקומען פֿון דעם „רוסישן קאַרל מאַרקס".

III

אין 1896 בין איך אַרײַנגעפֿאָרן קיין ביאַליסטאָק. איך האָב דאָ געפֿונען אַן איבערבלײַבעכץ פֿון אַן „אָפּאָזיציע", וואָס איז אַהער פֿאַרטראָגן געוואָרן פֿון ווילנע און וואָס האָט זיך נאָך געצויגן פֿון דער צײַט פֿון פֿאַר דעם אַרעסט.[20] אָבער היות ווי קיין אינטעליגענטן זײַנען שוין דעמאָלט דאָ ניט געווען און דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז אין ביאַליסטאָק געווען מער צוגעפּאַסט צו דער אַגיטאַציע-פּראָגראַם, האָט די „אָפּאָזיציע" ניט געקענט האָבן קיין שום באָדן אונטער זיך. בײַם ערשטן צוזאַמענקומען זײַנען אמת

18 אַ פּאָליציאַנט.

19 פֿון די אַרבעטער איז געוויילט געוואָרן נאָר מאָיסײ דער אײַנבינדער, און אויך ער איז נאָך פּסח אַרעסטירט געוואָרן.

20 אין יאָר 1896 זײַנען דאָרט אַרעסטירט געוואָרן דער „לערער" (גאָזשאַנסקי), ליובע אײַזנשטאַדט, רער סיביריאַק (זאַלקינד), נאָום ליפּשיץ—אַלע ווילנער און אויך זלמן, אַ סטאָלער, אַ ביאַליסטאָקער.

די באַציונגען צווישןביידע פּראַקציעס געווען אַזעלכע אָנגעצויגענע, אַז וועלוול דער וועבער,[21] דער פּעקסטעטער און דער אינטעליגענטסטער צווישן דער „אָפּאָזיציע", האָט געוואָלט נעמען דעם מאַנטל און אַוועקגיין, נאָר ער האָט זיך געשעמט פֿאַר מיר אַלס אַ גאַסט, לויט ווי ער אַליין האָט דאָס מיר שפּעטער דערציילט. אין משך פֿון אַ חודש האָב איך אויסגעאַרבעט אַ „סאָגלאַשעניע" (הסכם) — פּיל-ווייניק פּראַקטיק אויף דעם געביט האָב איך שוין דעמאָלט געהאַט פֿון ווילנע — און מען האָט פֿאַררופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג ביי מאַטעס דעם וועבער אַ שבת ביינאַכט אויף כאַנייקעס, ווו איך האָב געלייענט אַ רעפֿעראַט וועגן דעם, ווי עס קומען אויף אידעען, ווי די עקאָנאָמישע אומשטאַנדן רופֿן זיי אַרויס, וועגן דער ווירקונג דערביי פֿון פּאָליטישע און פּסיכאָלאָגישע פֿאַקטאָרן, ווי אויך וועגן דער פּפּ"ס און די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן די „אָפּאָזיציעס" אין אונדזערע רייען.

אויף מאָרגן בין איך אַריין אין ראָזענטאַלס פֿאַבריק, האָב איך געפֿונען, אַז מאַטעס און וועלוול און נאָך אַ פּאָר וועבער שטייען לעבן אַ „שטול" און מען דיסקוטירט מיין נעכטיקע רעדע. ווען איך האָב מיין אויפֿגאַבע פֿאַרענדיקט, האָב איך זיך געקליבן צו פֿאָרן ווייטער קיין וואַרשע, איז צו מיר געקומען אַ מין דעלעגאַציע פֿון פֿינף וועבער — פּוילישע יידן, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און לאַנגע בערד, מיט קליינע פּוילישע היטעלעך אויפֿן קאָפּ, יידן וואָס האָבן שוין אַליין געהאַט אַזוינע קינדער ווי איך — און האָבן מיר געזאָגט: „איר וועט שוין ניט אָפּפֿאָרן פֿון ביאַליסטאָק, מיר דאַרפֿן איך האָבן דאָ ביי אונדז; אייער אַרבעט (פֿאַרבערייע) איז אָן אומגעזונטע, מיר ווען אייך מאַכן פֿאַר אַ וועבער". איך האָב זיך געפֿילט אַ ביסל געשמייכלט פֿון אַזאַ קבלת-פּנים, איך האָב זיך אויך געפֿילט מחויבֿ ווי אַ מיטגליד פֿון געהיימען קאָמיטעט אין ווילנע, וועלכער איז געווען די העכסטע אינסטאַנץ פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער אין יענער צייט. און דאָ האָב איך פֿאַר זיך אַזאַ ברייט פֿעלד — טויזנטער אַרבעטער, זייער ווינציק באַאַרבעטע, מיט אַ סך ווילד גראָז, ווי אַ שטייגער פּרימיטיווע אַקטן פֿון טעראָר קעגן איינצלנע פּערזאָנען,[22] אָדער פֿון אָנטאָן שאָדן אין די פֿאַבריקן, אַקטן פֿון פֿאַרביטערונג און מאַכטלאָזיקייט, אָן שום נוצן פֿאַר דער אייגענער לאַגע און פֿאַרן כלל. און איך האָב זיך געטראַכט: „יעבֿור עלי מה!" זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין; דער סוף וועט דאָך סיי ווי מסתמא זיין דער אייגענער, וואָס ביי די אַנדערע: אַרעסט, טורמע, סיביר; לאָמיך כאָטש וואָס אויפֿטון. און איך בין פֿאַרבליבן אין ביאַליסטאָק. די עטלעכע אָרעמע וועבער האָבן איינגעצאָלט אַ לוינקעטניק צען רובל פֿאַר מיין לערע- און אַזוי בין איך געוואָרן אַ וועבער.

ביי די וועבער איז געווען פֿאַרשפּרייט אַ מיינונג, אַז שולדיק אין זייער געדריקטער לאַגע איז דאָס, וואָס מען נעמט אָן צו פֿיל נייע לערנייינגלעך, און זיי פֿלעגן פּשוט רודפֿן יעדן ניי צוגעקומענעם וועבער. איך האָב שוין אַפֿילו אַליין אָנגעהויבן פֿילן די דאָזיקע רדיפֿות, אָבער יאַנקל דער גרויסער און משה-שמעון דער קליינער, וואָס זיינען געווען באַוווסט אין שטאָט ווי „וועבערשע פּאַטריאָטן", קלוגע אַרבעטער, ניט קיין שרעקעדיקע, וואָס קענען געבן קלעפּ ווו און ווען מען דאַרף און וואָס האָבן אַליין אויך געהאַט געגנוג קלעפּ אויף די לייבער פֿאַר זייער „פּאַטריאָטיזם", האָבן מיך גענומען אונטער זייער שוץ. מען איז אַריין מיט מיינע פֿאַרפֿאָלגער אין שענק, מען האָט געמאַכט צוזאַמען אַ שנאַפּס, יאַנקל האָט זיי „פֿאַרמולירט די ציינער" מיט אַ מעשה, אַז איך בין

---

21 ער האָט מער סימפּאַטיזירט מיט די פּפּ"ס.

22 עס האָט פּאַסירט, צום ביישפּיל, אַז אין דער צייט פֿון אַ שטרייק ביי איינעם אַ טוך-פֿאַבריקאַנט, אַ ייִד אַ חסיד, איז שבת ביי טאָג, ווען מען איז געגאַנגען פֿון דאַוונען, צוגעגאַנגען צו אים אָן אַרבעטער — אַ סטאָלער גאָר — און האָט אים דערלאַנגט מיט אַ אייזן איבערן קאָפּ און צעשפּאָלטן דעם מוח; דער פֿאַבריקאַנט איז אָפּגעלעגן אייניקע וואָכן קראַנק צווישן לעבן און טויט, ביז מען האָט אים דערראַטעוועט.

זײַן שוואָגער, אָקאָרשט געקומען פֿון „סלוזשבע״ (מיליטער־דינסט)—און וואָס זאָל ער טאָן מיט מיר? און עס איז רעכט געוואָרן.

זעקס אַ זייגער פֿאַרטאָג פֿלעג איך גיין צו דער אַרבעט און אַכט — גיין אין אָוונט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אַרבעט פֿאַר דער באַוועגונג. איך האָב געהאַט דרײַ גרופּעס אַרבעטער פֿון צווישן די זעלבּיקע עלטערע ייִדן; מיר האָבן דורכגעלערנט: „לוינאַרבעט און קאַפּיטאַל״ פֿון מאַרקס, „די אַרבעטער־פּראָגראַם״ פֿון לאַסאַל, אויסער די שמועסן וועגן די אַרבעטער־קאַמפּף אין ענגלאַנד, בעלגיע וכדומה. מיט דער צײַט זײַנען מײַנע צוהערער געוואָרן איבערצײַגטע סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערע קעמפֿער מיט אַ גרויסער השפּעה אויף די איבעריקע אַרבעטער. דאָס רובֿ פֿון זיי זײַנען געווען ייִדן, וואָס האָבן געקענט אַ ביסל לערנען, פֿאַרשטאַנען אַ העברעיִשע צײַטונג; געוועזענע איידעמס אויף קעסט, דער שווער איז געשטאָרבן, דאָס שמאַלץ איז אויסגערונען, מען איז געבליבן אַ בעל־מטופּל מיט אַ פֿאַמיליע און מען האָט געדאַרפֿט מאַכן אַ לעבן—איז מען געוואָרן בעל־כּרחך וועבער, אַרבעטער פּראָלעטאַריער. בײַ אַזוינע מענטשן, האָב איך פֿאַרשטאַנען, מוזן די פֿראַגן וועגן רעליגיע, וועגן גלויבן אין גאָט, וועגן בריאת־העולם זײַן אָנגעווייטאָגטע. אויף דער וואָך פּסח האָב איך זיך צוגעגרייט צו האַלטן פֿאַר זיי אַ סעריע לעקציעס. איך האָב דורכגעלייענט פֿלאַמאַריאָנס אַ בוך וועגן אַסטראָנאָמיע (דעם גענויען נאָמען געדענק איך ניט), אַ בוך, אויך אין רוסיש, מיטן נאָמען „די שטערנוועלט״ מיט אַסטראָנאָמישע בילדער, אויך „אַ סוף פֿון דער וועלט״ פֿון מיכל וועבער, פֿײַגענבוימס „מעשה בראשית״, לאַיעלס ביאָגראַפֿיע, פֿיזישע געאָגראַפֿיע פֿון פּעקאַטאַראָס און מסתּמא נאָך וואָס פֿון דעם סאָרט און אויך עפּעס וועגן דאַרוויניזם. פֿרעגט מיך איצט די גרייס פֿון די פּלאַנעטן און קאָמעטן, זייער ווײַטקייט איינע פֿון די אַנדערע — ווייס איך ניט; אָבער דעמאָלט האָב איך דאָס אַלץ געהאַט פֿאַרצייכנט, און פּסח האָב איך דאָס „געלעק־טשורט״ פֿאַר מײַנע צוהערער. אייניקע פֿון זיי האָבן מיר שטאַרק געדאַנקט, און דאָס איז געווען מײַן באַלוינונג.

פֿרײַטאָג בײַנאַכט פֿלעגט זײַן די אָרגאַניזאַציע־פֿאַרזאַמלונג, און שבת פֿרי פֿלעגן מיר גיין אין דער גוישער באָד, ווו עס איז קיינער ניט געווען אויסער אונז. און אין באָד אויף דער באַנק פֿלעגן באַהאַנדלט ווערן די אויסערגעוויינטלעכע קאָנספּיראַטיווע פֿראַגן. דער קליינער משה־שמעון איז געווען אַ מאַדים אין באָד־ענינים, ער פֿלעגט אונדז אַלעמען שמײַסן און דערבײַ אויסשרײַען: „אמרו לאלוהים—רייד צום לאָמפּ!״. דאָס אַלץ זײַנען געווען די רעגולערע זיצונגען, אויסער דעם זײַנען געווען נאָך צופֿעליקע, ווי אַ שטייגער פֿאַר אַ שטרייק, פֿאַרשיידענע באַראַטונגען, פֿאָרלעזונגען; דאָס מאַכן אַ לעבן פֿאַר זיך איז געווען אַ בײַזאַך.

עס האָט זיך דערנענטערט נײַ־יאָר (1897). אין אַזאַ אָוונט, ווען די פּאָליציי איז שיכּור און אין אַלע הײַזער איז פֿריילעך, טאָר מען דאָך ניט דורכלאָזן די געלעגנהייט, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו האָבן אַ „נאָוואָגאָדניע וועטשערינקע״ (אַ הוליאַנקע צום נײַיאָר־אָוונט). אַלזאָ מוז מען שוין צוגרייטן וואָס פֿאָרצולייענען. אין די ערשטע פֿאָר יאָר, וואָס איך בין געווען אין דער באַוועגונג, האָט מען מיך אין ווילנע איין מאָל איינגעלאַדן צו אַזאַ נײַיאָר־אָוונט בײַ מאַריען (זשאַלודסקי) אויף דער דירה, אין אַ הינטערשטן הויז אויף אַ הויף. עס זײַנען דאָרט געווען ביז צוואַנציק־פֿינף־און־צוואַנציק יונגע בחורים און מיידלעך. איינער אַן אינטעליגענט אין גרויסע ברילן מיט אַ גרויסן נאָז האָט אַרויסגענומען פֿון זײַן בוזעם־קעשענע אַן אָנגעשריבענעם פּאַפּיר און האָט דורכ־געלייענט אַ מעשה — אַ „חלום צום נײַעם יאָר״; עס האָט זיך דאָרט געשילדערט, ווי מיניסטאָרן זיצן אין אַ קעלער פֿון אַ „דוואָרעץ״ (קיניגלעכער פּאַלאַץ) און טרינקען בלוט אין בעכערס, געמאַכט פֿון מענטשלעכע שאַרבנס, און יעדערער שלאָגט פֿאָר זײַנע פּלענער ווי אײַנצוהאַלטן די מאַכט. נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט, בין איך געגאַנגען מיטן „סטאַריק״ (שטיין) ברענגען וואַסער צו מאַכן טיי. — „זייער אַ שטאַרקע זאַך!״ רופֿט ער

זיך אָפּ צו מיר – „ווער האָט דאָס אָנגעשריבן?“ – האָב איך געפרעגט נאַיִוו; איך האָב נאָך דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען, אַז לויט די געזעצן פון קאָנספּיראַציע פרעגט מען ניט אַזוינע פראַגן. – „ווער? מסתמא ער אַליין“ – האָט מיר דער „סטאַריק“ געענטפערט. איצט, זײַנענדיק אין ביאַליסטאָק, האָב איך אָנגעשריבן דעם חלום אויף מײַן אייגענעם שטייגער: איך האָב צוגעגעבן אַ „נאָטשלעזשני דאָם“ (אַ נאַכטאַזיל), אַ טורמע און אַ שפּי- טאָל מיט די טיפן, וואָס מען טרעפט דאָרטן — דאָס איז שוין געווען מער רעאַליסטיש און ניט אַזאַ פאַנטאַזיע; צום סוף איז בײַ מיר אויך געווען אַ „דוואָרעץ“, אָבער די צוועלף מיניסטאָרן האָב איך ניט געשילדערט אַזוי בלוטדאָרשטיק ווי דער אינטעליגענט: איך האָב זיי אַרײַנגעזעצט אין פאַלאַץ גופא אָנשטאָט אַ קעלער, און בײַ מיר האָבן זיי געטרונקען ווײַן, אָנשטאָט בלוט, און ניט פון מענטשלעכע שאַרבנס, נאָר פון גאָלדענע בעכערס, און יעדערער האָט דאָ פאָרגעלייגט אַ פּלאַן, ווי אײַנצוהאַלטן די מאַכט איבערן לאַנד,– דעם אָדון הגדול (דעם קיסר) האָב איך דערבײַ אויך ניט דורכגעלאָזט, – ביז די רעוואָ- לוציע ברעכט אויס. מײַן „חלום“ האָט געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג, און מיר איז אויסגע- קומען פאָרצולייענען אים אויך שפּעטער ניט איין מאָל. שטענדיק, ווען איך האָב געהערט די גוטע מיינונגען וועגן דעם „חלום“, וואָס זײַנען געגאַנגען אויף מײַן רעכענונג, האָב איך זיך געפילט אומאָנגענעם, ווי עפּעס אַ „פּלאַגיאַטאָר“; צוליב קאָנספּיראַציע האָב איך דאָך ניט געקענט דערקלערן, פונוואַנען איך האָב די טעמע גענומען. שפּעטער, ווען איך בין אָפּגעווען אַ יאָר אָנדערהאַלבן אין דער שווייץ און האָב געלייענט זייער אַ סך פון דער רוסישער אומלעגאַלער ליטעראַטור, האָב איך זיך אָנגעשטויסן איין מאָל אויף אַ קליין ביכל מיט געלע בלעטלעך פון אַלטקייט, עפּעס פון אַ רעליגיעזער סעקטע, מיטן זעלביקן אינהאַלט, ווי דער „חלום“, אָבער דאָרטן זיצן ניט מיניסטאָרן, נאָר גלחים אין אַ קעלער פון אַ קלויסטער, פול מיט אינקוויזיטאָרישע מאַרטיר-אינסטרומענטן, זויפן און זוכן פּלענער ווי אָנצוהאַלטן זייער מאַכט... איך בין אַוועקגעלאָפן צו גלעבן (אברהם מוטניק) – ער איז דאָס געווען דער אינטעליגענט, וואָס האָט דעמאָלט אין ווילנע פאָר- געלייענט דעם „חלום“. – „איז דער חלום, וואָס איר האָט דעמאָלט געלייענט, אויך געווען אַ פּלאַגיאַט?“ – האָב איך אים נײַגעריק געפרעגט. – „ניין, די זאַך געהער גאָר ניט מיר – האָט ער מיר געענטפערט – אָנגעשריבן האָט דאָס גאָר וולאַדימיר (קאָסאָווסקי), און ער האָט דאָס אויך איבערגעמאַכט פון פראַנצויזיש, פון אַ ווערק, וואָס איינער אַ שרײַבער האָט אָנגעשריבן אין דער צײַט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע“. אַזוי, דורך וויפיל גילגולים, איז די מעשה דורכגעגאַנגען, ביז איך, דער ליטוואַק, האָב דאָס ווידער איבערגעמאַכט אויף מײַן שטייגער...

עס האָט זיך דערנענטערט דער פרילינג. מען האָט זיך גענומען ווידער גרייטן צום ערשטן מאַי (1897) גלײַך נאָך פורים; מען האָט שוין גענומען אָרומקוקן דעם וואַלד. דערווײַל האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון שטרײַקן, מען דאַרף קומען צווישן מענטשן, און איך בין געווען אָפּגעריסן ווי אַ „באָסיאַק“, מײַן רעקל איז געווען אין גאַנצן צעפאַלן. שמואל דער בערשטער, איינער פון מײַנע נאָענטסטע און איבערגעגעבענסטע פרײַנד, זייער אַ פּראַקטישער מענטש, מיט אַ גרויסן אײַנפלוס אויף די אַרבעטער, האָט פאַררופן אַן ענגע פאַרזאַמלונג פון אַ פּאָר צענדלינג גאָר נאָענטסטע מענטשן פון דער באַוועגונג, אָן מײַן וויסן, און זיי האָבן באַשלאָסן... משהקע און ירחמיאל, צוויי בחורים שנײַדער, וואָס האָבן בשותפות געאַרבעט פאַר זיך און זײַנען געווען אייגענע מענטשן אין דער באַוועגונג, האָבן אויפגענייט אַ נײַעם אָנצוג פאַר מיר, און איך בין באַנײַט געוואָרן אויף פסח מיט אַ מתנה פון די אַרבעטער.

אין מײַן צײַט זײַנען אין ביאַליסטאָק דורכגעפירט געוואָרן פאַרזאַמלונגען פון דרײַ- פיר הונדערט אַרבעטער און אויך עטלעכע שטרײַקן מיט ערפאָלג. עס האָט אַפילו פּאַסירט, אַז פּאָליציי איז אָנגעלאָפן אין וואַלד אין צײַט פון איינעם אַ שטרײַק און האָט אַרעס- טירט די גאַנצע פאַרזאַמלונג; מען האָט אַלעמען געפירט דורך דער שטאָט, פיל אַרבעטער

זײַנען אויפֿן וועג צוגעשטאַנען צו זיי, אויף די טראָטואַרן זײַנען געשטאַנען הונדערטער מענטשן, און ביז מען האָט געבראַכט אַלעמען אויפֿן פּאָליציי-הויף, זײַנען שוין דאָרט געווען טויזנטער מענטשן.[23]

כּמעט יעדער נאַכט בין איך געווען פֿאַרנומען ביז צוועלף—איינס אַ זייגער אין וואַלד און פֿלעג זיך לייגן שלאָפֿן אַ הונגעריקער. מײַנע פֿאַרדינסטן אויף דער אַרבעט זײַנען שוין דערגאַנגען ביז דרײַ רובל אַ וואָך, נאָר דער לוינקעטניק פֿלעגט מיר צוּוואַרפֿן די פּאָר רובל, ווען עס איז אים געווען באַקוועמער. איך האָב געלעבט אויף באָרג אין דער גאָרקיך; אַכט אין דער פֿרי פֿלעג איך נעמען אַ גרויסן קײַלעכדיקן קוכן ווי אַ ראָד די גרייס, מיט גרויפּן, איינס אַ זייגער — מיטאָג, אָוונטברויט פֿלעגן אַלע עסן בײַ זיך אין דער היים, און אַזוי ווי איך האָב קיין געלט ניט געהאַט, פֿלעגט מיר אויסקומען שפּעט בײַנאַכט לייגן זיך שלאָפֿן ניט געגעסן; אויפֿשטיין פֿלעג איך זעקס אין דער פֿרי און קוים זיך דערוואַרטן אויף דער „ראָד" מיט די גרויפּן. איך בין געוואָרן זייער בלוט-אָרעם, עס פֿלעגט מיר קלינגען אין די אויערן, גיין בלוט פֿון נאָז; אָפֿט, שטייענדיק בײַם וועבשטול, פֿלעגט מיך כאַפּן אַ קאָפּשווינדל, אָנהייבן צו איבלען — כאָטש צום פֿאַלן. און דאָ וואַקסט די אַרבעטער-באַוועגונג און וואַקסט. מען דאַרף אָפֿטער לויפֿן אויף באַראַטונגען, שרײַבן, ריידן. באַקלאָגן זיך האָב איך ניט געהאַט פֿאַר וועמען און האָב אויך ניט געוואָלט... גראָד איז אין יענער צײַט געקומען צו פֿאָרן פֿון בערלין אויף וואַקאַציע אַ ביאַליסטאָקער סטודענט מיט אַ רעקאָמענדאַציע-בריוו צו אונדז פֿון אַלעקסאַנדערן; ער האָט באַמערקט מײַן צושטאַנד און די אַרבעט וואָס איך האָב צו טון און ער האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל אויפֿגעבן די וועבערײַ, און ער וועט מיר געבן אויף הוצאות דורכצוקומען, און איך האָב דאָס אָנגענומען — אַ ברירה האָב איך געהאַט?

דער זומער איז געווען אַ פּרוכפּעריקער אין אַלע פּרטים, אין ביאַליסטאָק זײַנען דורכגעגאַנגען ערפֿאָלגרײַכע שטרײַקן כּמעט אין אַלע פֿאַכן. די וועבער פֿון די לוינקעטניקעס האָבן געשטרײַקט צוויי מאָל; דעם ערשטן מאָל האָבן זיי אויפֿגעהויבן דעם פּרײַז פֿון 5 אויף 6 קאָפּיקעס „אַ שטריים" (מאָטיק) לפי-ערך לײַכט, צום צווייטן מאָל — פֿון זעקס אויף זיבן קאָפּיקעס, אָבער די בעלי-בתּים האָבן זיך שוין אָרגאַניזירט, עס איז געווען אַ ביטערער קאַמף, מיט קלעפּ און אַרעסטן.[24] אין קריניק האָבן געשטרײַקט 800 גאַרבער, און האָבן געוווּנען; דאָס איז געווען דער ערשטער שטרײַק דאָרטן.[25] איך בין צוגעפֿאָרן אויף אַ שבת כּדי אויפֿצוקלײַבן מאַטעריאַל פֿאַר אַ קאָרעספּאָנדענץ. אין ווילנע האָבן דעמאָלט דרײַ אַרבעטער געגרינדעט די ערשטע ייִדישע אומלעגאַלע צײַטונג „די אַרבייטער-שטימע"; ישׂראל-מיכל דער שלאָסער און הירשע דער סטאָלער זײַנען געקומען צו מיר קיין ביאַליסטאָק און באַשטעלט, איך זאָל זײַן דער קאָרעספּאָנדענט פֿון ביאַליסטאָקער ראַיאָן. ערבֿ יום-כּיפּור איז צו מיר געקומען לעאָן גאָלדמאַן פֿון וואַרשע און האָט מיר איבערגעגעבן, אַז עס האַלט בײַם גרינדן זיך אַ ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, און איך בין אײַנגעלאַדן געוואָרן צום ערשטן צוזאַמענפֿאָר, ווי אַ דעלעגאַט פֿון ביאַליסטאָקער ראַיאָן.

איך בין געקומען צוריק פֿון צוזאַמענפֿאָר און האָב מיטגעבראַכט מיט זיך דרײַסיק נומערן „אַרבייטער-שטימע". שמואל דער געלער האָט מיר איבערגעגעבן די נײַס, אַז אַ גרופּע אינטעליגענטן פֿון דער פּפּ"ס זײַנען לעצטנס אַראָפּגעקומען קיין ביאַליסטאָק

---

23 וועגן דעם, ווי מיר האָבן געפֿײַערט דעם ערשטן מאַי (1897) אין ביאַליסטאָק, האָב איך באַשריבן אין דער „נײַער פֿאָלקסצײַטונג" (וואַרשע), פֿון 3טן פֿעברואַר 1933 און וועל זיך דערויף דאָ ניט אָפּשטעלן.

24 זע די באַשרײַבונג פֿון שטרייק אין מײַן אַרטיקל „הונגער און קאַמף, ערינערונגען פֿון אַ בונדיסט", אין „פֿאָרווערטס" (ניו-יאָרק) 1904, אין איינעם פֿון די יולי אָדער אויגוסט-נומערן, געחתמעט „בן-יחזקאל"; זע אויך די „פֿאָלקסצײַטונג" (וואַרשע), 3טן פֿעבר' 1933.

25 זע דעם „וועקער" (ניו-יאָרק), פֿון 28סטן אַפּריל 1928, „ערינערונגען פֿון אַ בונדיסט", פֿון הלל בלום.

און זיי ציען אַריבער די גאַנצע באַוועגונג אויף זייער זײַט. עס איז דעמאָלט געווען אַ צײַט, ווען אַרבעטער האָבן געגלייבט, אַז כדי צו זײַן אַ קעמפּער און קלאַסן-באַוווסט-זיניק מוז מען זײַן באַלאָדן מיט אַלע שבע חכמות פֿון דער וועלט; עס האָט אַ מאָל פּאַסירט, אַז אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין וואַלד פֿון אַ 25—30 אַרבעטער איז איינער אַ יונגער וועבער, דער „פּאָעט" (ער פֿלעגט פֿלעכטן גראַמען), אַרויס מיט אַזאַ טענה: „איר האָט בײַ אונדז צוגענומען דעם טאַטן, די מאַמען, דעם גאָט — אַלץ, איר האָט אונדז אײַנגעשחטן אין האַלז און געלאָזט גיין"... דאָס האָט מען געפֿאָדערט פֿון אונדז רוסישע „גראַמאָטע", ווײַטערדיקע אַלגעמיינע בילדונג. איך האָב אים שטאַרק מיטגעפֿילט, ווײַל מיט דרײַ-פֿיר יאָר פֿריער בין איך געווען פּונקט אין אַזאַ פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד ווי ער.

ליידער האָבן מיר זיי געקענט ווינציק העלפֿן. ווען מיר פֿלעגט מען דערציילן צווישן די אַרבעטער, אַז איך האָב שטודירט אין פּעטערבורג אויף אַ דאָקטאָר, אָבער איך האָב דאָס אויפֿגעגעבן און בין געקומען העלפֿן די אַרבעטער; ווען זיי ווייסן, אַז איך בין איינער פֿון זיי, אויך אַ פּשוטער אַרבעטער, וואָלט מסתמא מײַן אײַנפֿלוס געווען אַ סך קלענער. מיר זײַנען געווען מסופּק, ווען מען קען מען אָנפֿאַרטרויען אין ביאַליסטאָק, אַז עס האָט זיך געגרינדעט דער „בונד". מיר האָבן געוווּסט, אַז דער נאָמען אינטעליגענט איז אַ צוציקראַפֿט פֿאַר די ייִדישע אַרבעטער. באַזונדערס פּאַסיק איז געווען אין דעם פּרט איינער מיכאַיִל לוריע (מאַיסעי לוריעס ברודער), וואָס האָט זיך באַזעצט אין ביאַליסטאָק מיט זײַן פֿאַמיליע; ער האָט געקענט גוט פּויליש, רוסיש און ייִדיש, איז געווען אַ פּעיִקער און געהאַט אַן אײַנפֿלוס אויף די אַרבעטער, אָבער ער איז געשטאַנען אין נאָענטע פֿאַרבינדונגען מיט דער פּפּ"ס.

אין מיר האָט זיך אָפּגערופֿן דער פּאַרטיי-פּאַטריאָטיזם און דער שטאָלץ פֿון אַ פֿאַר-טרעטער פֿון ראַיאָן, אַז נאָך אַזוי פֿיל מסירת-נפֿש און מי, וואָס מיר און אויך די, וואָס האָבן פֿאַר אונדז געאַרבעט דאָ, האָבן אַרײַנגעלייגט אין דער באַוועגונג, זאָל די באַוועגונג אַריבער אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג — דאָס טאָר מען ניט דערלאָזן! און מיר האָבן זיך גענומען ווײַטער צו דער אַרבעט. איך האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צו איינעם פֿון דער כאַרקאָווער גרופּע, אַראָן לוריע, און ער האָט מיר צוגעשיקט צען רובל; מיט דעם האָב איך דורכגעלעבט כּמעט דעם גאַנצן ווינטער. איינער אַ יונגער בחור, יאָסל דער בריסקער (בייניש, מיכאַלעוויטש), איז געקומען צו אונדז אין מיטן ווינטער, און אויף פּורים האָבן מיר פֿאַררופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון 30—40 מענטשן פֿון די מער זיכערע מיטגלידער און מיר האָבן זיי דערציילט וועגן דער גרינדונג פֿון „בונד". צוליב קאָנספּיראַציע האָט מען באַשטימט אַ פֿיקטיווע חתן-כּלה, יאָסל האָט פֿאָרגעלייענט די באַגריסונג פֿון דעם אַלטן ווילהעלם ליבקנעכט, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין דעם דײַטשן „פֿאָרווערטס" וועגן דער גרינדונג פֿון דעם ייִדישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן „בונד". צוויי געזונטע בחורים זײַנען אין דער צײַט, ווען יאָסל האָט גערעדט, געשטאַנען בײַ דער טיר מיט צוויי ליימענע טעפּ אין די הענט און געווען גרייט, אין פֿאַל ווען פּאָליציי וועט קומען, וואַרפֿן די טעפּ גלײַך ווי זי וועט עפֿענען די טיר און נעמען שרײַען: „מזל טובֿ! מזל טובֿ!"...

דער סוף איז געווען, אַז די פּפּ"ס האָט קיין גרויסן ערפֿאָלג צווישן די ייִדישע מאַסן אין ביאַליסטאָק, ווי בכלל אין די שטעט פֿון אונדזער אַרבעט-ראַיאָן, ניט געהאַט. זיי האָבן זיך פּסיכאָלאָגיש ניט געקענט צופּאַסן צום ייִדישן אַרבעטער, זייער פּראָגראַם האָט אויך ניט שטאַרק אָנגערירט די אַלטעגלעכע ייִדישע אַרבעטער-אינטערעסן.

נאָך פּורים איז דורכגעפֿאָרן מיכאַיִל פֿראַנקפֿורטער, איינער פֿון די ווילנער, וואָס האָט דאָרט געלערנט אין דער האַנטווערקער-שול, אַ יונגער אינטעליגענטער בחור. ער האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל פֿאָרן מיט אים „נאַ יוג" (קיין דרום-רוסלאַנד), זיי ווילן דאָרטן אײַנשטעלן אַ געהיימע דרוקערײַ, און ער זוכט חבֿרים, אויף וועמען מען זאָל זיך קענען פֿאַרלאָזן. שוין לאַנג האָב איך געטרוימט וועגן אַרבעטן אין אַ געהיימער דרוקערײַ, באַזונדערס זינט איך האָב געלייענט סטעפּניאַקס „די אונטערערדישע רוסלאַנד",

ווי ער באַשרײַבט די געהיימע דרוקעריַי פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", און האָב זיך געפֿילט פֿעיִק צו אַזאַ אַרבעט. איך האָב זיך שוין איין מאָל געווענדט וועגן דעם צו אַלעקסאַנדערן און שפּעטער צו טאַראַסן[26] (דאָס לעצטע איז געווען לערך אין 1899, בעת אַלעקסאַנדער און דער גאַנצער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון „בונד" איז געזעסן אין טורמע אין מאָסקווע, און טאַראַס איז געווען דער פֿאָרשטייער פֿון צ"ק), זיי זאָלן מיר געבן אַזאַ מין אַרבעט; דערויף האָט מיר טאַראַס געענטפֿערט: „איַיך דאַרפֿן מיר האָבן בעסער פֿאַר אויסערלעכער אַרבעט; איר קענט וואָס אָנשרײַבן, רעדן, אין אַלגעמיין האָבן אַ ווירקונג און אויסקומען מיט מענטשן". איך פֿלעג אָפֿט מקנא זײַן די העלדן פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" — אָפּגעאַרבעט צוויי דריַי יאָר, געפֿירט אַ העראָיִשן קאַמף, ביז זיי זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן. סטעפּניאַק באַשרײַבט, ווי אַזוי ער האָט אַרויסגעקראָגן פֿון איינעם „ניט קיין גרויסע" סומע פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — פֿינף הונדערט רובל, און מיר מאַטערן זיך איבער קלייניקייטן שוין וויפֿיל יאָר! אָט האָב איך געדאַרפֿט בסך-הכל אַכט—נײַן רובל אַ חודש אויף אַ געהיימער קוואַרטיר און אויף ענלעכע הוצאות, פֿלעגט דאָס אָנקומען מיט מאַטערנישן. די קליינלעכע מאַטעריעלע נויט האָט אַזוי געדריקט אויף מיר, אַז איך האָב זיך געקלערט: אין אַ געהיימער דרוקעריַי וועל איך לכל הפּחות פֿון די אַלע קלייניקייטן פּטור ווערן. און איך האָב מסכּים געווען צו מיכאַיִל פֿראַנק-פֿורטערס פֿאָרשלאָג, מיטן תּנאַי אָבער, אַז מען זאָל מיר צושיקן פֿופֿציק רובל; איך וועל צופֿאָרן אויף דער וואָך פֿון פּסח אין מײַן פּאָזעלווע זען זיך מיט דער מוטער, מסתּמא שוין צום לעצטן מאָל, ווײַל אַז מען פֿאַררוקט זיך אין אַ געהיימער דרוקעריַי, אַרבעט מען אַזוי לאַנג, ביז מען פֿאַלט אַרײַן, דערנאָך קומען טורמע און סיביר אויף לאַנגע יאָרן. מיכאַיִל איז אָפּגעפֿאָרן קיין וואַרשע און מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז איך זאָל קומען קיין ווילנע, ער וועט צושיקן דאָס געלט אַהין און איך זאָל זיך ווענדן צו טאַראַסן. אַזוי האָב איך פֿאַרלאָזן ביאַליסטאָק נאָך דעם, ווי איך בין דאָרט אָפּגעווען 18 חדשים און בין אַרויס מיט גאַנצע ביינער, אַפֿילו קיין חשד ניט געהאַט אויף זיך. אין ווילנע האָט אָבער טאַראַס דאָס געלט ניט געהאַט געקראָגן, און איך בין שוין געפֿאָרן אויף פּסח אַהיים אָן געלט, אין אַן אַנטליענעם רעקל. אין דער היים די מוטער און די ברידער, גרויסע אָרעמע-לײַט, האָבן עפּעס געקוקט אויף מיר מיט חשד: אַראָפּגעקומען אַ יונגער בחור פֿון די גרויסע שטעט—און עפּעס גאָר ניט קיין פֿראַנט, און האָט גאָר ניט וואָס צו דערציילן, און קענטיק גאָר ניט קיין גבֿיר, און ווו האָט ער אַהין געטאָן זײַן געלט, וואָס ער האָט פֿאַרדינט אין די גרויסע שטעט?...

נאָך פּסח, ווען איך בין געקומען צוריק קיין ווילנע, האָט מיר טאַראַס איבער-געגעבן, אַז „נאַ יוגע איז געווען אַ גרויסער פּראָוואַל" (אין דרום-רוסלאַנד איז געווען אַ גרויסער דורכפֿאַל), און איך בין ווײַטער פֿאַרבליבן אָן געלט און אָן אַרבעט און אין רשות פֿון דער באַוועגונג.

* * *

וואָס ס'איז שייך מײַן ווײַטערדיקער ביאָגראַפֿיע אין פֿאַרבינדונג מיט דער באַוועגונג, נאָך די יאָרן 1897—1898, וויל איך דאָ קורץ דערמאָנען נאָר די הויפּט עטאַפּן פֿון מײַן לעבן, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויף פּרטים.

אַ געוויסע צײַט נאָך ביאַליסטאָק בין איך פֿאַרבליבן אין ווילנע. דאָ האָב איך געאַרבעט אייניקע חדשים אין גאַסעלניקס בוכקראָם. אָפֿיציעל איז דאָס געווען גאַסעל-ניקס קראָם, אין דער אמתן אָבער האָט זי געהערט צום „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט", וואָס איז געווען אויף אַ פּאָר יאָר עלטער פֿון „בונד", אָבער געגרינדעט געוואָרן פֿון דער זעלביקער גרופּע טוער. דער בעל-הבית פֿון קראָם, וואָס האָט באמת אויפֿגעפּאַסט אויף איר, איז געווען אַ ווילנער לערער איסאַק מיצקון.

---

26 „טאַראַס" (אויך צאָגלין) — פּאַרטיי-נאָמען פֿון דעם באַקאַנטן בונדישן טוער דוד קאַץ.

נאָך אַן אַרעסט אין וויטעבסק (אַ דאַנק אַן אָרטיקן שפּיאָן, וואָס האָט אַלעמען געקענט), ווען די באַוועגונג איז כּמעט אין גאַנצן צעפֿאַלן געוואָרן, בין איך אַוועקגעפֿאָרן אַרבעטן אַהין, דערנאָך געפֿאָרן נאָך ליטעראַטור קיין ווילנע. איך בין אין וויטעבסק אָפּגעזעסן אַ האַלב יאָר, דערנאָך אַ יאָר אין דווינסק. אין דווינסק בין איך נאָך פֿון פֿריער געווען פֿאַרבונדן מיט שלמהקען (אַבראַם גינסבורג); ער און סאָניע די אַקושערקע האָבן געהאַט אַ העקטאָגראַף און געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס; איך פֿלעג דאָס איבערזעצן און צוגרייטן צום דרוק אין יידיש. שפּעטער איז אַבראַם גינסבורג אַוועקגעפֿאָרן און געוואָרן דער גרינדער פֿון דער רוסישער ס.-ד. צייטונג „יוזשני ראַבאָטשי", וואָס מאַרטינאָוו איז געווען איר רעדאַקטאָר. איין מאָל זיינען געקומען צו מיר אין דווינסק עטלעכע אַרבעטער און דערציילט, אַז מען דאַרף, און עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט דערצו, אַרויסרופֿן אַ שטרייק ביי זאַקסן אויף דער שוועבל-פֿאַבריק, און געשטעלט מיר די פֿראַגע, צי וועל איך קענען אין שטאָט שאַפֿן געלט פֿאַרן שטרייק. — „קיין געלט איז איצט ניטאָ, נאָר אַז מען וועט זיך דערוויסן, אַז ביי זאַקסן גייט אָן אַ שטרייק, וועט ווערן געלט" — האָב איך געענטפֿערט, און אַזוי בין איך געוואָרן דער פֿינאַנץ-מיניסטער פֿון דעם שטרייק: איך האָב געמאַכט אַ רייזע פֿון סמאָלענסק ביז וואַרשע, איינע אַ חבֿרטע (זשעני שעוועלאָוו) האָב איך אַוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג, אַן אַנדער חבֿר איז אַוועקגעפֿאָרן קיין מינסק, און סוף-כּל-סוף האָט מען געשאַפֿן די 2.300 רובל, וואָס דער שטרייק האָט אָפּגעקאָסט; איך האָב אַוועקגעשריבן בריוו קיין בערלין, שווייץ און ענגלאַנד, געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דעם פֿאַרלויף פֿון שטרייק, און דאָס געלט איז אַריינגעקומען.

פֿון דווינסק בין איך געפֿאָרן אַלס דעלעגאַט צום דריטן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד", וואָס איז פֿאָרגעקומען, ווי באַקאַנט, אין קאָוונע (סוף דעצעמבער 189). אַ פּאָר יאָר בין איך געווען אַ רייזנדער אַגיטאַטאָר (קיין באַצאָלטע אַגיטאַטאָרס זיינען נאָך אין מיין צייט ניט געווען). איך האָב באַזוכט אייניקע מאָל ריגע, דווינסק, וויטעבסק, רעזשיצע, סמאָלענסק, שקלאָוו, פֿונאַנדערגעפֿירט ליטעראַטור, פּראָקלאַמאַציעס, אָפּגעהאַלטן מיטינגען אין וואַרשע, גראָדנע, קרינקי, קאָוונע, ווילקאָמיר. אין 1900 בין איך אַרעסטירט געוואָרן אין ווערזשבאָלאָווע אויפֿן גרענעץ; געגאַנגען זעקס וואָכן מיטן עטאַפּ, פֿון איין ברעג קאָוונער גובערניע ביזן אַנדערן (ביי אונדז אין שטעטל האָט זיך געענדיקט קאָוונער גוב' און עס האָט זיך אָנגעהויבן ווילנער), דערוווּסט זיך דורך די אַרעסטירטע פֿון קאָוונע, ווילנע, ביאַליסטאָק, אַז זובאַטאָוו פֿרעגט זיך שטאַרק נאָך אויף מיר. אין קאָוונע האָב איך געוווינט ביי אַ פּראָוואָקאַטאָר אליהו וואַלט דעם שוחט; די סיבה פֿאַרוואָס ער האָט מיך ניט אַרויסגעגעבן איז — ווי איך האָב עס פֿאַרשטאַנען פֿון די שמועסן, וואָס איך האָב מיט אים געהאַט פֿריער, — געווען די, וואָס ער האָט געהאָפּט דורך מיר אַריינצופֿאַלן אויפֿן בונדישן צוזאַמענפֿאָר און דערגיין ווו געפֿינט זיך די געהיימע דרוקעריי אונדזערע.

אין יאָר 1901 האָב איך געגנבֿעט דעם גרענעץ (דאָס צווייטע מאָל) פֿאָרנדיק דורך ביאַליסטאָק. די נאַכט פֿון תּשעה-באָבֿ זיינען מ״ר געלעגן אַ 30—40 מאַן אויף אַ פֿעלד ביים גרענעץ, פֿאַרמאַטערטע, פֿאַרשוויצטע; עס איז געווען אַ קילע נאַכט, אַ ווייסער טוי האָט פֿאַרצויגן די פֿעלדער, אַ קעלט האָט דורכגענומען די ביינער. יעדערער פֿון אונדז האָט געטראַכט פֿאַר זיך זיינע טרויעריקע געדאַנקען, און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז פּונקט מיט צען יאָר צוריק, גראָד אין דער נאַכט, האָט מען מיך צום ערשטן מאָל אַריינגעפֿירט אין ווילנע אין אַ „קרוזשאָק", ווו מען האָט פֿאַר אונדז געלייענט אין רוסיש גאַרשינס דערציילונג „די רויטע בלום". צוויי בייַנאַכט זיינען געקומען אַ פּאָר יונגע גויים און האָבן אונדז געהייסן אויסטאָן די שטיוול. מ״ר זיינען געלאָפֿן איבער די אָפּגעקאָשעטע פֿעלדער באָרוועס, צעקלאַפּט זיך די פֿיס. אין האַנט האָב איך געהאַלטן אייניקע מאַנוסקריפּטן, מיט וועלכע מיר איז געווען שווער צו שיידן זיך, ווי בכלל מיט דער רוסישער ערד... און מיר זיינען אַריבער דעם גרענעץ.

אָפּגעװען אײניקע װאָכן אין בערלין, געהאַט צרות מיטן נעכטיקן, מען האָט זיך געדאַרפֿט היטן פֿאַרן שוצמאַן. די ערשטע װאָך אַװעק צו אַ סאָציאַליסטישן מיטינג, װוּ געטאָסע לעדעבור האָט גערעדט. איך האָב אים פּיל-װײניק פֿאַרשטאַנען, נאָך אים האָט גערעדט אַן אַרבעטער, אַ גלעזער, ער האָט געשריען און געמאַכט מיט די הענט; אים האָב איך אַ װאָרט ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר פֿונדעסטװעגן האָט ער מיך גערירט ביז טרערן; איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט דעם קאָנטראַסט: ערשט פֿאַראַכטאָגן שבת אין ביאַליסטאָק זײַנען מיר מיט ד״ר ראָזענטאַלן (פּינאַי) אַװעק אַ 10—12 מענטשן אין װאַלד, פֿאַררוקט זיך טיף אין די געדיכטעניש, די פֿאַרבײַגײער זאָלן ניט באַמערקן — און דאָ...

אָנדערטהאַלבן יאָר בין איך דערנאָך אָפּגעװען אין דער שװײץ—אין בערן און זשענעװע. געגאַנגען הערן לעקציעס װעגן סאָציאָלאָגיע פֿון פּראָפֿ׳ רײַכעסבערג און װעגן פֿילאָסאָפֿיע פֿון פּראָפֿ׳ לודװיג שטײן, באַטײליקט זיך אין דער פֿײַערונג פֿון דעם 25סטן נומער „אַרבײטער-שטימע“,[27] װוּ איך בין געװען קאָרעספּאָנדענט פֿון דעם ערשטן נומער אָן. אויף דער פֿײַערונג האָב איך פֿאָרגעלײענט זכרונות פֿון אַ בונדיסט, באַזונדערס אויפֿמערקזאַם האָט זיך צו זײ צוגעהערט דער פֿאַרשטאָרבענער ש. אַנסקי, ער האָט דעמאָלט באַגריסט די פֿײַערונג מיט אַ ליד, װאָס איז דערנאָך געװאָרן דער בונדישער הימן — „די שבועה“. אין אַ פּריװאַטן שמועס — געדענק איך — האָט ער מיך געפֿרעגט, צי מען באַנוצט דעם אויסדרוק „אַ מאַסאָװער“. שפּעטער בין איך בײַגעװען אויף זײַן אײנ-אַקטער, װאָס מ׳האָט אויפֿגעפֿירט; דאָרט קומט פֿאָר אַן אַרעסט און עס טרעטן אויף דעם בעל-הביתס אַ זון אַ סטודענט און דער קעכינס אַ יינגל פֿון אַ יאָר 15–16, אַ שנײַדערל, און די קעכין שרײַט צום יינגל: „זאָג, אַז דו ביזט אַ מאַסאָװער!... זאָג, אַז דו ביסט אַ מאַסאָװער!“... דעמאָלט האָב איך פֿאַרשטאַנען, פֿאַר װאָס אַנסקי האָט אַזױ אויפֿמערקזאַם צוגעהערט זיך צו מײַנע זכרונות. מיר האָבן דעמאָלט אויך געשפּילט זײַנע אַן אַנדערע רעװאָלוציאָנערע פּיעסע „די מלחמה פֿאַרן לעבן“, װוּ ער האָט זיך פּערזענלעך אויך באַטײליקט װי אַן אַקטיאָר; איך האָב דעמאָלט געשפּילט די ראָלע פֿון משהלען, װאָס װערט פֿאַרשאָטן און שטאַרבט, אַבי צו מאַכן עטלעכע רובל פֿאַרן „בונד“.

איך האָב געאַרבעט אַ שטיקל צײַט אין דער דרוקערײַ פֿון „איסקראַ“ אַלס אַ זעצער. מען האָט דאָ דעמאָלט געדרוקט פּראָפֿ׳ טונס באַקאַנט בוך „די געשיכטע פֿון דער רוסישער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג“.[28] אַ שטיקל צײַט האָב איך אויך געאַרבעט אויף אַ פֿערמע בײַ בירױקאָװן, דעם באַקאַנטן אָנהענגער און פֿרײַנד פֿון טאָלסטאָי, פֿאַר צװײ פֿראַנק אַ טאָג מיט עסן. איך פֿלעג אויך גײן טראָגן פּעקלעך פֿון װאָקזאַל פֿאַר די סטודענטן און סטודענטקעס, און װי ניט איז האָב איך זיך דורכגעלעבט. אין דער פֿרײַער צײַט האָב איך אָן אויפֿהער געשלונגען די רוסישע רעװאָלוציאָנערע ליטעראַטור. איך האָב געהערט צו די אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס פֿון „בונד“ (זע פּ. קורסקיס אַרטיקלען אין „צוקונפֿט“ פֿון 1931), װי אויך צום מאַרקסיסטישן קרײַז אין זשענעװע און צו ליובע אַקסעלראָדס קרײַזל אין בערן.

דערנאָך געפּלאָגט זיך אַ יאָר צײַט אין לאָנדאָן; געאַרבעט אין אַ מעבל-פֿאַבריק פֿאַר 9 גילדן אַ װאָך. געהערט דאָ אויך צום „בונד“. אין לאָנדאָן האָט זיך דעמאָלט געפֿונען די אויסלענדישע דרוקערײַ און דער אויסלענדישער קאָמיטעט פֿון „בונד“.

דער קעשענעװער פּאָגראָם (אַפּריל 1903) האָט אַזױ צעטרײסלט די נערװן, אַז װען איך האָב געלײענט אין אַ צײַטונג, אַז אין אַמעריקע איז אַ מײדל משוגע געװאָרן פֿון די נײַעס װעגן קעשענעװ, זײַנען בײַ מיר געװען מאָמענטן, װען איך האָב געמײנט, אַז

27 אַרויס אין דעצעמבער 1901.

28 טונס באַקאַנטע געשיכטע פֿון דער רוסישער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג איז אַרויס אין אַ רוס׳ איבערזעצונג, מיט אַ לענגערער הקדמה פֿון פּלעכאַנאָװן, אין 1903; אין דײַטשן אָריגינאַל איז דאָס בוך אַרויס נאָך אין 1883 אין באַזל (געװען אויך סוף 80קער יאָרן אַ ליטאָגראַפֿירטע רוס׳ אויסגאַבע, װאָס איז אַרויס אומלעגאַל אין רוסלאַנד). — ר ע ד׳.

איך האַלט שוין אויך ניט ווײַט דערפֿון. איך געדענק, ווי איך האָב דעמאָלט געזאָגט צו אַלעקסאַנדערן (קרעמער), אַז איך בין ניט זיכער, צי וואָלט איך איצט געקענט אַרבעטן מיט דער פֿריערדיקער באַגײַסטערונג און מסירת-נפֿש אין רוסלאַנד, ווען איך זע, אַז יעדער טריט פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע גייט איבער טײַכן ייִדיש בלוט... ער האָט מיר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, און איך האָב געזען, אַז איך האָב אָנגערירט זייער אַן אָנגעווייטאָגטן אָרט.

אַ דאַנק די ביאַליסטאָקער פֿאַרערער מײַנע, בין איך דורך אַ צופֿאַל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע, אַניט וואָלט איך מסתמא אומגעקומען אין מײַנע וואַנדערונגען אין אייראָפּע. איצט לעב איך שוין דרײַסיק יאָר אין אַמעריקע. דאָס לעבן דאָט די לעצטע יאָרן אַרויסגערופֿן נײַע פּראָבלעמען — פֿראַגן וועגן ליטעראַטור, קונסט, פּאָעזיע. דאָס אַלץ זײַנען לוקסוס־זאַכן פֿאַר מיר, נאָר די סאָציאַלע פֿראַגע און אויך די ייִדן־פֿראַגע זײַנען איצט מער אָנגעווייטאָגט, ווי אַלע אַנדערע. בנוגע דער ערשטער בין איך אָפּטימיסטיש, ווײַל איך גלייב און ווייס, די געשיכטע גייט ניט ווי לויט דער קאָמאַנדע פֿון אַ גענעראַל: רעכטס! לינקס! מיר וועלן נאָך האָבן נצחונות און מפּלות, אויפֿלעבונגען און אַנטוישונגען, ביז דער סאָציאַליזם וועט פֿאָרט קומען. בנוגע דער צווייטער פֿראַגע אָבער — דער ייִדישער — בין איך זייער פּעסימיסטיש און זע ניט קיין לייזונג, סײַדן אפֿשר וואַרטן אויף דעם „באחרית הימים”, ווען דער וואָלף מיט דער שעפּס וועלן לעבן צוזאַמען בשלום... אַזוי ווי לעת עתה ווײַזט דאָס אויס צו זײַן קעגן דער נאַטור, איז דערין שווער צו גלייבן... לאָמיר האָפֿן – אפֿשר.



דזשאָן מילל

(אין די יונגע יאָרן)



דזשאָן מילל

(אין אויסלאַנד 1900)



הלל קאַץ=בלום

(אין די יונגע יאָרן)



יצחק פסחזאָן

# די פּיאָנערן-עפּאָכע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג

פֿון דזשאָן מילל (שיקאַגאָ)

## I

## ווילנע*

וועלכע שטאָט איז געווען די וויגעלע פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמאָליקן רוסלאַנד? ווו האָט די באַוועגונג טיפֿער אַרײַנגעלאָזט אירע וואָרצלען? וועמען געהער דער פֿאַרדינסט אָדער דער כּבֿוד פֿון פּריאָריטעט?

די מינסקער האָבן פּרעטענזיעס, פֿאַר וואָס זייער שטאָט ווערט ניט דערמאָנט אָדער ווערט דערמאָנט זייער ווייניק, ווען מען רעדט וועגן דער פּיאָנערן-צײַט פֿון סאָציאַליזם צווישן ייִדן. זיי טענהן, אַז בײַ זיי האָבן עקסיסטירט רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטן אפֿשר נאָך אַ ביסל פֿריער ווי אין ווילנע. אין אַ געוויסן גראַד זײַנען זיי גערעכט. שוין אין די 70קער און 80קער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט זײַנען געווען אין מינסק, ניט ווייניקער ווי אין ווילנע, קליינע גרופּעס און איינצלנע פּערזאָנען, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען ראָגאַלער, איסאַק הורוויטש זײַן שוועסטער—די שפּעטערדיקע בונדיסטקע זשעניע גורוויטש, עמיל אַבראַמאָוויטש און נאָך. אָבער די דאָזיקע אַלע טוער זײַנען ניט נאָר געווען אונטער דער השפּעה פֿון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן—דאָס זעלביקע איז אויך געווען אין ווילנע,—נאָר זייערע אַלע פּרוּוון האָבן אויך געהאַט אַ קורץ לעבן: זיי זײַנען פֿאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן דורכפֿאַל פֿון די רוסישע פּאַרטייען און גרופּעס.

ווען מען רעדט וועגן דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, וועגן מאַסן-באַוועגונג, דעמאָלט קענען קיין צוויי מיינונגען ניט זײַן: איר געבורטסאָרט איז געווען ווילנע און ווילנע געהער אָן שום ספֿק די פּריאָריטעט. שוין צום סוף פֿון די 80קער יאָרן האָבן זיך באַוויזן אין ווילנע ניט בלויז עלעמענטן פֿון דער מאָדערנער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר אַפֿילו גאַנץ פֿעסטע אָרגאַניזאַציעס. אמת, קליינע, נאָך אַלץ אונטער אַ געוויסן אײַנפֿלוס פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", אָבער זיי זײַנען שוין געשטאַנען אויפֿן באָדן, אויף וועלכן עס איז זייער גיך אויסגעוואַקסן די באַוועגונג, וואָס האָט שפּעטער געבראַכט צו דער גרינדונג פֿון „בונד".

מען טאָר נאַטירלעך ניט מעסטן די דאָזיקע ערשטע שפּראָצונגען צווישן דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע מיט די קאָלאָסאַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס און גראַנדיעזע מאַסן-אַרויסטרעטונגען פֿון הײַנט. מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן די אומשטאַנדן פֿון יענער צײַט,

---

* די זכרונות פֿון יוסף מילל („דזשאָן"), איינעם פֿון די וויכטיקסטע פּיאָנערן פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, נעמען אַרום די צוויי פּונקטן, ווו ער האָט אָנגעפֿירט די אַרבעט, — ווילנע און וואַרשע. כּדי צו געבן אַ גאַנץ בילד פֿון דער דאָזיקער אַרבעט האָבן מיר דאָ אַרײַנגענומען דעם קאַפּיטל וועגן ווילנע, הגם ער איז שוין פֿריער געווען אָפּגעדרוקט אינעם זאַמלבוך „ווילנע" (ניו-יאָרק 1935), אָבער דאָ איז ער טיילווײַז איבערגעאַרבעט און דער מחבר האָט צו אים צוגעגעבן נײַע פֿאַקטן. דער קאַפּיטל וועגן וואַרשע איז אין גאַנצן אַ נײַער, געשריבן ספּעציעל פֿאַר אונדזער אויסגאַבע.

רעדאַקציע

יוען די יידישע מאַסן זײַנען נאָך געווען אומוויסנדיק, רעליגיעז-פאַנאַטיש, און אַ מאָדערנער קולט־רעלער סביבה. פּאָליטיש און נאַציאָנאַל זײַנען זיי געווען אונטערדריקט פון צאַרישן רעזשים, עקאָנאָמיש זײַנען זיי אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך די יידישע עקספּלואַטאַטאָרס אין דער לאַגע פון כינעזישע „קוליס". זעלטן-זעלטן פלעגט אַ יידישער אַרבעטער אין ווילנע פאַרדינען 25 רובל אַ חודש, דאָס רובֿ — 14 ביז 20, און אָפט אַ סך ווינציקער, און דאָס ביי 14 — 16 שעה אַרבעט!

איך בין געקומען קיין ווילנע אין יאָר 1889 פון פּאָנעוועזש, קאָוונער גובערניע, צו ענדיקן דאָ דעם 7טן קלאַס רעאַל-שול. געקומען בין איך ניט אין גאַנצן קיין „גרינער" אין די פראַגן פון אַרבעטער-באַוועגונג, פּאָליטישן קאַמף, סאָציאַליזם. שוין אין פּאָנעוועזש, זײַענדיק אין 4טן קלאַס פון רעאַל-שול, האָב איך אָנגעהויבן אָנטייל צו נעמען אין אַ לויזער גרופּע פון שול-תּלמידים און עטלעכע ראַדיקאַל-געשטימטע פון דער אָרטיקער יוגנט. די גרופּע האָט זיך אין אָנהייב פאַרנומען מיט לייענען האַלב-לעגאַלע רוסישע ליטעראַטור. מיטן אָנקום פון צ. קאָפּעלזאָן פון ווילנע, וועלכער איז אַרײַנגעטראָטן אין 5טן קלאַס, האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן און זייער העלדישן קאַמף און וועגן דעם וווּקס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אויכלאַנד. דאָס האָט געמאַכט אויף אונדז אַ קאָלאָסאַלן אײַנדרוק. מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די עטלעכע אומלעגאַלע בראָשורן און אויפן זשורנאַל „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי", וואָס קאָפּעלזאָן האָט שפּעטער אַ ביסל געבראַכט מיט זיך. מיר האָבן דאָס פּשוט פאַר-שלונגען. מיט גרויס אינטערעס פלעגן מיר זיך צוהערן צו די נײַס, וואָס ער פלעגט ברענגען פון ווילנע נאָך די זומערדיקע אָדער ווינטערדיקע וואַקאַציעס. דורך דעם און דורך זײַן אויסזען איז זײַן אויטאָריטעט ביי אונדז געווען זייער גרויס. כאָטש ער איז געווען כמעט אין דעם זעלביקן עלטער ווי מיר, האָט ער אויסגעקוקט מיט 10 יאָר עלטער פון אונדז. איבער זײַנע גרויסע וואָנצעס פלעגן מיר אים רופן „פעלדוועבל". אונדזער גרופּע איז ניט געווען נאַציאָנאַל-איינהייטלעך — זי איז באַשטאַנען פון איין רוס, עטלעכע ליטווישע פּאָלאַקן, עטלעכע יידן, כמעט אַלע אירע מיטגלידער האָבן שפּעטער אַ קירצערע אָדער לענגערע צײַט געהערט צו פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוצי-אָנערע אָרגאַניזאַציעס.

אין אָנהייב פון דער פּיאָנערן-עפּאָכע האָט קאָפּעלזאָן („טימאָפיי") געשפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָלע. אַ דאַנק זײַן פּיזיטיקער אַקטיווקייט, איז ער געוואָרן אַן אָנגע-זעענע פיגור אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געפּרווּוט אַרבעטן אויך אין וואַרשע און שפּעטער אין אָדעס — אין דער ערשטער שטאָט אָן שום ערפאָלג, אין דער צווייטער איז דער ערפאָלג אויך ניט געווען באַזונדערס גרויס. אַרום 1895 איז ער אָפּגעפאָרן קיין אויסלאַנד, ווו ער איז פאַרבליבן פריער אין דער שווייץ און שפּעטער אין ניו-יאָרק — ביז נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. אויף אַזאַ אופן האָט ער אין דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון „בונד" קיין אָנטייל נישט גענומען. אין אויסלאַנד האָט זיך צו יענער צײַט אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אויפן באָדן פון פּראָגראַם און טאַקטיק — דערהויפּט טאַקטיק. אויף איין זײַט זײַנען געשטאַנען פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד און זאַסוליטש („גרופּאַ אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ"), וואָס האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון רוסישן מאַרקסיזם, אויף דער אַנדערער זײַט — די יונגע, אָקאָרשט אָנגעפאָרענע פּאָליטישע עמיגראַנטן, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען טוערס מיט באַקאַנטע נעמען, ווי קורנאַטאָווסקי, טעפּלאָוו און זײַן פרוי, קריטשעווסקי, איוואַנשין, אַקימאָוו (מאַכנאָוועץ) ביסק, קאָגאַן, פּיקער (מאַרטינאָוו), ישראל פּעסקין און אַנדערע. הגם זיי אַלע האָבן געהערט צו דער אָקאָרשט געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע „פאַרבאַנד [„סאָיוז"] פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין אויסלאַנד", האָט זיך פונדעסט וועגן צעפלאַקערט אַ קאַמף אויף

לעבן און טויט צווישן די צוויי טענדענצן אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.[1] קאָפּעלזאָן, אונטערן נאָמען „גרישין", איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פֿונעם „סאָיוז" און איינער פֿון די אײַנגעשפּאַרטסטע פּאַרטיידיקער פֿון אָפּאָרטוניסטישן פֿליגל פֿון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געפּריידיקט „עקאָנאָמיזם"—דעם עקאָנאָמישן קאַמף אויפֿן באָדן פֿון קליינע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן אָן אַ פּאָליטישער באַפֿאַרבונג—און די שטאַפּלענדיקע מעטאָדע פֿון פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע. אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער השפּעה פֿון די באַוווּסטע רוסישע געזעלשאַפֿטלעכע טוערס און עקאָנאָמיסטן ס. פּראָקאָפּאָוויטש און פּרוי קוסקאָווו און זייער „קרעדאָ", ווו זייער אָפּאָרטוניזם האָט דערגרייכט דעם קלאָרסטן און שאַרפֿסטן אויסדרוק, איז קאָפּעלזאָן פֿאַרבליבן אַן אָפּאָרטוניסט ביז זײַן צוריקקער קיין מאָסקווע. פּלעכאַנאָוו, אין זײַן בראָשור „וואַדעמעקום",[2] האָט אויסגענוצט עטלעכע בריוו קאָפּעלזאָנס מיטן צוועק צו מאַכן אים פּאָליטיש לעכערלעך און דערבײַ אויך אויס־צולאַכן אַלע יענע, וואָס שטייען אויפֿן זעלביקן שטאַנדפּונקט.

ווען איך בין אין 1898 געקומען קיין אויסלאַנד, האָט קאָפּעלזאָן מיטגעהאָלפֿן צו גרינדן דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פֿון „בונד" און צו אָרגאַניזירן בונדישע גרופּעס, אָבער זיין הויפּט־ענערגיע און כמעט די גאַנצע צײַט האָט ער אָפּגעגעבן דעם „סאָיוז". עס איז קאָנטיק געווען, אַז עס האָט אים מער געצויגן צו דער ר ו ס י ש ע ר אַרבעט. ווען ער איז נאָך דער רעוואָלוציע געקומען קיין מאָסקווע, איז ער געוואָרן אַ קאָמוניסט און אַלס אַזעלכער האָט ער אָנגעהויבן איבערצוחזרן אַלע באָלשעוויסטישע באַשולדיקונגען קעגן דעם „בונד".

ווי באַוווּסט, איז קאָפּעלזאָן אין 1933 איבערגעפֿאָרן געוואָרן פֿון אַן אויטאָמאָביל אין מאָסקווע און באַלד נאָכדעם געשטאָרבן.

• • *

אין ווילנע האָב איך זיך באַלד באַקענט מיט עטלעכע תּלמידים פֿון די גימנאַזיעס און רעאַלשול, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו דער סאָציאַליסטישער אַרבעט. עס האָט נישט געדויערט לאַנג און איך בין אַרײַנגענומען געוואָרן אין זייער גרופּע. אַפֿילו די ביבליאָטעק פֿון דער גרופּע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו מיר. קיין אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטן זײַנען זיי נאָך ניט געווען, בכל אופֿן נישט אַלע. זיי זײַנען ערשט געווען אין סטאַדיע פֿון אַנטוויקלען זיך. אָבער עטלעכע פֿון זיי האָבן שוין געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט איינצלנע אַרבעטער און אויך מיט סטודענטן־סאָציאַליסטן, וואָס האָבן שטודירט אין אַנדערע שטעט פֿון רוסלאַנד. איך געדענק נאָך עטלעכע נעמען פֿון דער גרופּע: אינזשע־ניער ראָגאַלסקי, אַדוואָקאַט קאָזלאָווסקי, וואָס איז נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע געוואָרן אַ קאָמוניסט און ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן אין לענינגראַד; דער דאָקטאָר וויקטאָר שאַריי, וואָס איז אונטערן נאָמען ריזשאָוו געווען זייער טעטיק אין דער רוסישער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג; אורבאַנאָוויטש, שפּעטער אַ סטודענט אין ציריכער אוניווער־סיטעט און זייער אַ טעטיקער און באַוווּסטער פּפּ"סאָוועץ, געשטאָרבן אין קראָקע.

באַלד ווי איך בין געקומען קיין ווילנע האָט מען מיר דערציילט וועגן אַן אָקאָרשט קיין אויסלאַנד אָפּגעפֿאָרענעם סאָציאַליסט, וועלכן מען האָט מיר באַשריבן כמעט ווי אַ מיסטעריעזע, לעגענדאַרע פּערזאָן, אַרומגערינגלט מיט אַן אָרעאָל פֿון אויסערגעוויינט־לעכער איבערגעבנקייט צו דער אַרבעטער־זאַך און פֿון אומדערשראָקענער סאָציאַליסטישער טעטיקייט. מען האָט אים גערופֿן „ליאָווקאַ", זײַן אמתער נאָמען איז אָבער געווען יאָגיכעס — אַ זון פֿון רײַכע עלטערן, וואָס זײַנען געווען אייגנטימערס פֿון אַ הויף אויף

---

1 מאַרטינאָוו איז אין יאָר 1921 געוואָרן אַ קאָמוניסט און שפּעטער דער רעדאַקטאָר פֿון זשורנאַל „קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל". געשטאָרבן 1935.

2 „וואַדעמעקום" האָט דערשינען אין יאָר 1900.

דער ברייטער גאַס. ער איז טאַקע געווען איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטן אין ווילנע, וואָס האָט אָנגעפירט אַ קליינע פּראָפּאַגאַנדע-גרופּע פון אַרבעטער און אויך געהאַט פאַר-בינדונגען אין מיליטערישע קרייזן. אָפּגעפאָרן איז יאָגיכעס, ווי ער האָט דערציילט, מחמת דעם וואָס עס האָט אים געדראָט אַן אַרעסט, אָבער עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן קלאַנגען, אַז דאָס איז געווען מער נישט ווי איינע פון די סיבות. די צווייטע סיבה איז געווען דער מיליטער-דינסט, צו וועלכן ער האָט, נאַטירלעך, נישט געהאַט קיין גרויס חשק. אָט דער יאָגיכעס, אונטער דעם נאָמען טישקאָ אָדער גראָזאָווסקי, האָט אין אויסלאַנד אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין פּפּ"ד (פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע). מחמת זײַן נאָענטקייט צו ראָזע לוקסעמבורג (זי איז געווען זײַן פרוי) און שפּעטער מחמת זײַן טראַגישן טויט, איז זײַן נאָמען געוואָרן אַ היסטאָרישער. בכלל אָבער האָט מען אים אין אויסלאַנד, אין דער פּאָליטישער עמיגראַציע, נישט אָפּגעשאַצט אַזוי, ווי אין ווילנע. איך רייד שוין נישט וועגן דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין איין איינציקן פּערזענלעכן פרײַנד. עס איז געווען אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס פלעגט ניט צוציען קיין מענטשן, נאָר אָפּשטויסן. ער איז געווען פול מיט ענערגיע, האָט זיך געוואָרפן אַהין און אַהער — און אומעטום פלעגט ער לײַדן מפּלות.

אַזוי האָט ער אין איינעם מיט ראָזע לוקסעמבורג אַרויסגעגעבן די צײַטונג, „ספּראַוואַ ראָבאָטניטשאַ" און אַ ריי פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע בראָשורן, אָבער זיי פלעגן נישט דערגרייכן פּוילן און בלײַבן אין אויסלאַנד. בײַ זײַנע פּאָליטישע געגנער, אין דער פּפּ"ס, האָט מען אים פײַנט געהאַט; אָבער נישט פיל מער ליבשאַפט האָט אַרויסגעוויזן צו אים אויך די גרופּע רוסישע ס"ד „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" מיט פּלעכאַנאָוון בראָש. האָבנדיק געגוג מאַטעריעלע מיטלען, האָט גראָזאָווסקי-יאָגיכעס געגרינדעט דעם פאַרלאַג „סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ביבליאָטעק" און אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן מאַרקסיסטישע ליטעראַטור אין רוסיש, דער עיקר די ווערק פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס; דער דאָזיקער פאַרלאַג האָט אָבער ניט לאַנג עקסיסטירט.[3]

ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל באַזוכט פּלעכאַנאָוון אין זשענעווע — דאָס איז געווען אין יאָר 1894 — האָט ער מיך געפרעגט, צי די ווילנער אָרגאַניזאַציע האַלט אָן באַציונגען מיט יאָגיכעסן. מײַן ענטפער איז געווען: „געוויסע באַציונגען האַלטן מיר יאָ אָן; אויב מיר זאָלן קענען קריגן פון אים זײַנע אויסגאַבן, וועלן מיר נעמען". פּלעכאַנאָוו איז געוואָרן אין כּעס און אויפגערעגט. „איך פאַרשטיי דאָס נישט — האָט ער געזאָגט — עס איז וויכטיק ניט נאָר וואָס מען נעמט, נאָר אויך פון וועמען מען נעמט; יאָגיכעס האָט גאָר ניט קיין רעכט אַרויסצוגעבן מאַרקס' און ענגעלס' ווערק".

גראָזאָווסקי האָט נאַטירלעך צוריקגעצאָלט מיט דער זעלביקער מטבע. עס איז דער-גאַנגען דערצו, אַז ער פלעגט עפנטלעך אַרונטעררײַסן פּלעכאַנאָוון און אויף יעדן טריט

---

3 אין דעם אַרטיקל אין זאַמלבוך „ווילנע" (ניו-יאָרק 1935; ז' 74 א"וו) שרײַבט דזשאָן מילל אין פאַרבינדונג דערמיט, וואָס ענגעלס האָט, אונטער דער השפּעה פון פּלעכאַנאָוון, קאַטעגאָריש פאַרווערט יאָגיכעסן צו דרוקן זײַנע און מאַרקס' ווערק, און דאָס האָט געפירט „צום טויט פון דער ,סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ביבליאָטעק'". באַקאַנט איז, אַז פּלעכאַנאָוו, וואָס האָט באַקעמפט יאָגיכעסן, האָט געפּרוווט ווירקן אויף ענגעלסן אין דעם גײַסט; פאַר זײַן טויט (1895) האָט ענגעלס טאַקע אין אַ בריוו פאַרבאָטן יאָגיכעסן (און אויך קריטשעווסקין) צו דרוקן די ווערק און האָט וועגן דעם מיטגעטיילט פּלעכאַנאָוון. דער בריוו איז איצט אָפּגע-דרוקט אין די זאַמלביכער „גרופּאַ אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" (מאָסקווע, 1924—1928, רעד' פון ל. דייטש).

דער סוף פון יאָגיכעס' רוסישן פאַרלאַג דערקלערט זיך דער עיקר מיט דעם, וואָס אונטער דער השפּעה פון ראָזע לוקסענבורג איז יאָגיכעס אין יענע יאָרן בכלל אַריבער אין גאַנצן צו פּוילישער סאָציאַ-ליסטישער אַרבעט.

רעדאַקציע

און שריט פֿאַרקלענערן ביז גאָר זײַן באַדײַטונג און זײַנע פֿאַרדינסטן אין אײַנפֿלאַנצן דעם מאַרקסיזם אויפֿן רוסישן באָדן. מחמת דעם פֿלעגט אים אָפּט אויסקומען אויסצוהערן שאַרפֿע ווערטער אַפֿילו פֿון ראָזע לוקסעמבורג, וועלכע האָט נאַטירלעך נישט געקענט קוקן אויף פֿלעכאַנאָוון מיט זײַנע אויגן.

די פֿײַנטלעכע אַטמאָספֿערע אַרום גראָזאָווסקי-יאָגיכעסן האָט געבראַכט דערצו, אַז פֿאַרדעכטיקע קלאַנגען האָבן אָנגעהויבן צו קורסירן אין אויסלאַנד וועגן זײַן פּאָליטישער אָרנטלעכקייט. דאָס איז געווען אַזוי משונהדיק, אַז די ווילנער אָרגאַניזאַציע אונדזערע האָט געשיקט דורך מיר אַ פּראָטעסט קעגן די דאָזיקע קלאַנגען. דער פּראָטעסט איז קיין מאָל ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, ווײַל גראָזאָווסקי אַליין האָט געבעטן דאָס ניט צו טאָן.

אין דער שטורעמדיקער נאָך-מלחמה-צײַט אין דײַטשלאַנד איז גראָזאָווסקי געווען איינער פֿון די הויפּטגרינדערס פֿון באַרימטן ספּאַרטאַקוס-בונד, און דאָס האָבן אים די דײַטשע רעאַקציאָנערן נישט געקענט מוחל זײַן; באַלד נאָך דעם, ווי ראָזע לוקסעמבורג צוזאַמען מיט קאַרל ליבקנעכט זײַנען דערהרגעט געוואָרן, איז אויך דערשאָסן געוואָרן (דעם 12טן מערץ 1919) גראָזאָווסקי אין אַ בערלינער געפֿענגעניש דורך די טורמע-וועכטערס...

* * *

איך האָב געענדיקט די רעאַלשול. אַ דאַנק קאָפּעלזאָנען בין איך תּיכּף צוגעצויגן געוואָרן צו דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער אַרבעט און האָב זיך באַקענט מיט דער גאַנצער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ פֿון ווילנע און אויך מיט יענע אַרבעטער און אַרבעטערינס, וואָס זײַנען געווען די אָנפֿירערס פֿון דער באַוועגונג. אַלע — נאָך יונג, אָן ערפֿאַרונג, טאַפּנדיק אין דער לופֿטן, זוכנדיק דעם ריכטיקן וועג. דאָס איז געווען דער אמתער פּיאָנערן-פּעריאָד פֿון סאָציאַליזם אויף דער ייִדישער גאַס. און הגם די פּראָגראַם-פּאָסטולאַטן זײַנען געווען נאָך גענוג נעפּלדיק און די טאַקטיק אין אַ גרויסער מאָס וואַקלדיק, איז די ט ע נ ד ע נ ץ פֿון דער אַרבעט פֿונדעסטוועגן שוין געווען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע. דער אײַנפֿלוס פֿון דער רוסישער „נאַראָדניטשעסטוואָ“ און ספּעציעל פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ אין אונדזערע רייען איז שוין צו יענער צײַט פֿאַרשוווּנדן אויף אייביק. מיר, פֿון דער אינטע-ליגענץ, האָבן אַלע מיט התמדה שטודירט קאַרל מאַרקס׳ און פֿרידריך ענגעלס׳ ווערק און די אויסגאַבן פֿון דער רוסישער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ“. ווי עס איז באַקאַנט, איז די שפּראַך פֿון אונדזער פּראָפּאַגאַנדע אין יענער צײַט געווען ר ו ס י ש. מיט קליינע אויסנאַמען האָט קיינער פֿון אונדז גאָרניט געקענט קיין ייִדיש. און פֿאַרקערט: אַחוץ די עטלעכע אַרבעטער-פֿירער האָבן די אַרבעטער פֿון די פּראָפּאַגאַנדע-קרײַזן נישט פֿאַר-שטאַנען קיין רוסיש. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט ייִדיש שפּעטער, ווען די אַרבעט האָט זיך פֿאַרברייטערט און פֿאַרטיפֿט און די ווילנער אָרגאַניזאַציע איז אַריבערגעגאַנגען צו מ אַ ס ן-אַגיטאַציע.

אַ פֿילפֿאַרביקער קאַליידאָסקאָפּ פֿון אינטעליגענטן און אינטעליגענטקעס, אַרבעטער און אַרבעטערינס פֿון יענער עפּאָכע גייען פֿאַרבײַ פֿאַר מײַנע אויגן. ניט אַלעמענס נעמען געדענק איך, אָבער אַ טייל פֿון די, וועלכע איך געדענק נאָך, זײַנען אַ לאַנגע צײַט געווען גוט באַקאַנט אין די אַרבעטער-קרײַזן און אַ טייל איז נאָך באַוווּסט ביז הײַנט.

אָט איז דער זעצער ס ו ו ע ר ד ל אָ ו, וועלכער איז פֿריצײַטיק געשטאָרבן פֿון טובערקולאָז און וועמעס לוויה האָט געטראָגן אַ דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער (אויף דער לוויה האָב איך אויך אָנטייל גענומען); אָט איז דער קצבֿ ס אָ ל אָ מ אָ ן מ ע נ אַ ק ע ר, ק אַ מ ע ר מ אַ כ ע ר, די דרײַ שוועסטער גייטערינס וואָלפֿסאָן; ל י ו ב ע און ש י פֿ ר ע י ו ז ע פֿ אָ ו י ט ש — ביידע אַרעסטירט אין 1898 — ליובע אין מינסק און שיפֿרע אין באָב-רויסק; מ י כ אַ ל ל י פֿ ש י ץ, ס אָ ר אָ ק אַ (גרישע דער סטאָלער), צוויי שוועסטער ב ל ו מ ע נ פֿ ע ל ד, אַ ל ב ע ר ט ז אַ ל ק י נ ד — איצט אין טעקסטיל-טראָסט

אין לענינגראַד, מינע וואָלק — זאַלקינדס פֿרוי — אויך אין לענינגראַד, צילע וואָלק, די צוויי ברידער פעסקין: איינער — ישראל פעסקין, אַן אינזשענער, איצט אין פּאַריז, דער צווייטער — ס. פעסקין, אַ דאָקטאָר אין ניו-יאָרק; דעט לעצטנס פֿרוי, קאַרטשמער, וועלכע איך האָב „אַריבערגעפּאַקט" איבערן גרענעץ אין טאַווריג, בעת זי איז אַנטלאָפֿן פֿון רוסלאַנד; צוויי ברידער ליאַכאָווסקי, וויטקינד, דער לערער פֿין און זײַן פֿרוי רעוועקאַ ליאַס; אַנטאָקאָלסקי, מענדל ראָזענבוים, ראָזענבערג, דער לערער גאָדלעווסקי, ווילטער, אַנאַ גאָרדאָן, ראַיִסע סטראַזש, און נאָך און נאָך.

עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז נאָר אייניקע פֿון זיי זײַנען געווען אין צענטער פֿון דער אָרגאַניזאַציע; דאָס רובֿ האָט געהערט צו דער פּעריפֿעריע און זיי פֿלעגן באַדינען די באַוועגונג נאָך די אָנווײַזונגען פֿון צענטער.

אָט בין איך אין מיליטער-דינסט, אַ פֿרײַוויליקער („וואָלנאָאָפּרעדיעליאַיושציסיאַ") אין אופֿימער פּאָלק. אָבער מײַן אַרבעט אין דער באַוועגונג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף אַ האָר. דורך אַ באַקאַנטן מיליטער-דאָקטאָר, — מיר דוכט זיך זײַן נאָמען איז געווען איוואַנאָוו, — אַ רוסישער ראַדיקאַל, וואָס איז געווען זייער באַפֿרײַנדעט מיטן קאָמאַנדיר פֿון מײַן באַטאַליאָן — האָט מען מיר דערלויבט צו וווינען פּריוואַט און נישט אין קאַזאַרמע און קומען צום דינסט מער ניט ווי אויף אַ האַלבן טאָג. דאָס האָט מיר געגעבן די מיגלעכקייט אָנצוהאַלטן מײַן פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט און נישט ווערן אָפּגעריסן פֿון דער באַוועגונג. און דאָך איז מײַן מיליטער-דינסט געווען אַ שווערע משא, וואָס האָט שרעקלעך געדריקט, און גרויס איז געווען מײַן פֿרייד, ווען איך בין ענדלעך פּטור געוואָרן פֿון מײַן סאָלדאַטסקן מונדיר.

פֿאַר דער צײַט איז די באַוועגונג ברייט אויסגעוואַקסן. צו די צוויי אַלטע „קאַסעס" (פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס) פֿון זאָקן-מאַכערינס און נייטערינס זײַנען צוגעקומען נײַע. כמעט אין אַלע פֿאַכן זײַנען מיר אַרײַנגעדרונגען, אויך אין די פּאַפּיראָסן-פֿאַבריקן און קאָנווערטן-פֿאַבריקן. כמעט יעדער פּראָפּאַגאַנדיסט האָט געהאַט צו עטלעכע אַרבעטער-קרײַזן. איך האָב געהאַט, מיר דוכט זיך, 5 אַזעלכע און בין געווען פֿאַרנומען יעדן אָוונט און דעם גאַנצן טאָג שבת. איין גרופּע איז באַשטאַנען נאָר פֿון נייטערינס, די איבעריקע זײַנען געווען געמישטע. אַ סך זײַנען דורכגעגאַנגען דורך מײַנע קרײַזן, אָבער איך געדענק נאָר די נעמען: א. באַסקין, אַן אַרבעטער אין אַ פּאַפּיראָסן-פֿאַבריק; ש.-ר. סעגאַל — אַ נייטערין, געווען טעטיק אין ווילנע און ביאַליסטאָק און, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אויך אין לאָדזש און וואַרשע, געשטאָרבן אין פּאַריז; די שנײַדערין טערעזאַ; רובים פֿרידמאַן, אַ פּאַפּיראָסן-אַרבעטער, זייער אַ באַגאַבטער און ענערגישער; זײַן רעדע אויף דער מאַי-פֿאַרזאַמלונג אין 1893 איז געווען איינע פֿון די בעסטע, שפּעטער צוגעשטאַנען צו דער גרופּע „ראַבאָטשעיע זנאַמיאַ", אַרעסטירט אין 1898 אין ביאַליסטאָק אין דער דרוקערײַ פֿון דער גרופּע, פֿאַרשיקט אין סיביר, איצט אַרבעט ער אין רוסלאַנד; די שנײַדערין ש. יוזעפּאָוויטש, ג. ליפּשיץ, מאָטל דער בערשטער, דער שלאָסער ישראל מיכל קאַפּלינסקי, די האַנדלס-אָנגעשטעלטע יעוואַ, די זאָקן-מאַכערין ליזע, צוויי אַרבעטערינס אין אַ קאָנווערטן-פֿאַבריק, אַ שנײַדער (דעם נאָמען געדענק איך ניט) — דער איין-און-איינציקער שנײַדער, וואָס איז דעמאָלט צוגעצויגן געוואָרן צו דער באַוועגונג...

אַ מאָדנע זאַך: צו די שנײַדערס האָבן מיר געקראָגן אַ צוטריט שפּעטער ווי צו די אַנדערע, און ווען עס האָט זיך מיר אײַנגעגעבן סוף כּל סוף אַרײַנצוקריגן אין מײַן גרופּע דעם ערשטן שנײַדער, איז דאָס געווען אַן אמתער יום-טובֿ. אָבער, גאָט מײַנער, וואָס דאָס איז געווען פֿאַר אַ שנײַדער! אַן אויסגעמאָגערטער, פֿאַרמאַטערטער, פֿאַרשלאָפֿענער און — זאָל ער מיר מוחל, זײַן אויב ער לעבט נאָך — אַ שמוציקער. ער האָט געאַרבעט בײַ ליאָסן —

בײַ דעם זעלביקן ליאָסן, וועמעס דריי טעכטער האָבן שפּעטער געהערט צום „בונד". איינע פֿון זיי איז ליבערס (גאָלדמאַנס) פֿרוי. ווען איך האָב שפּעטער איבערגעגעבן דעם קרײַז, צו וועלכן ער האָט געהערט, צו ליובע לעווינסאָן, האָט זי מיר מיט אַ שמייכל געזאָגט: „איידער אים לערנען וועגן סאָציאַליזם, דאַרף מען אים אויסלערנען זיך צו וואַשן — כאָטש איין מאָל אַ וואָך..." אָבער אין עטלעכע חדשים אַרום האָט דער דאָזיקער שנײַדער אַזוי זיך אומגעביטן, אַז עס איז שווער געווען אים צו דערקענען.

מאָטל דער בערשטער, אַ שטילער, באַשיידענער אַרבעטער, האָט בעת דער אָרגאַניזירונג פֿון די בערשטער און דער גרינדונג פֿונעם בערשטער-בונד דורכגעפֿירט אַ שיין שטיקל אַרבעט. אויף דרײַ חדשים האָט ער פֿאַרלאָזן ווילנע, זיך אָפּגעריסן פֿון אַלעמען און איז אַוועק קיין פּאָנעוועזש ספּעציעל אָנצוהייבן אַ קאַמף אין די אָרטיקע בערשטער-פֿאַבריקן פֿאַר בעסערע אַרבעט-באַדינגונגען, ספּעציעל פֿאַר אַ קירצערן אַרבעטסטאָג. קיין גרינגע זאַך איז דאָס נישט געווען, ווײַל צווישן די אַרבעטער איז געווען אַ גרויסער פּראָצענט צײַטווײַליקע אַרבעטער, וועלכע זענען געווען באַהעפֿט מיט די פּויערים און פֿון אָרעמע קרעמערלעך, וואָס פֿלעגן קומען פֿון די אַרומיקע שטעטלעך צו פֿאַרדינען עטלעכע איבעריקע רובל. אָרגאַניש זענען זיי נישט געווען פֿאַרבונדן מיטן בערשטער-פֿאַך. זיי פֿלעגן אַרבעטן 18 שעה אַ טאָג, וווינען אין הײַזער, וואָס זענען געווען ערגער פֿון קאַזאַרמעס — צו 10–12 אין אַ קליינעם צימערל, שלאָפֿן אויף „נאַרעס,"[4] אָן לופֿט און אָן ליכט. זיי האָבן זיך אַפֿילו נישט אינטערעסירט מיטן אָפּשאַפֿן די שרעקלעכע עקספּלואַטאַציע און נישט געחלומט, אַז זיי קענען זיך דערשלאָגן מער מענטשלעכע אַרבעט-באַדינגונגען. מאָטלען האָט זיך נאָך אַ שווערער און אײַנגעשפּאַרטער אַרבעט סוף כּל סוף אײַנגעגעבן אָנצופֿילן די דאָזיקע אָפּגעשטאַנענע, אומווויסנדיקע מאַסע מיט קאַמפֿלוסט, און אַ האַרטנעקיקער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ פֿולן ניצחון. די אַלטע שקלאַפֿן-באַדינגונגען זענען פֿאַרשוווּנדן אויף אייביק.

דער שלאָסער י. מ. קאַפּלינסקי — דאָס איז דער זעלביקער קאַפּלינסקי, וואָס איז נאָך דעם גרויסן אַרעסט אין „בונד" אין 1898 געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר און וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן דערשאָסן גלײַך נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע. אַרײַנגעפֿירט אין מײַן גרופּע האָט אים די שנײַדערין ש. ר. סעגאַל. ער פֿלעגט דעמאָלט פֿאַרדינען דרײַ רובל אַ וואָך, האָט כּמעט געהונגערט און צו די פּראָפּאַגאַנדע-אָוונטן פֿלעגט ער אַלע מאָל קומען אַ פֿאַרמאַטערטער, אַן אָפּגעלאָזענער, אַ פֿאַרחושכטער. ווען ער פֿלעגט זיך אַוועקזעצן אויפֿן שטול, האָט ער געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ מענטשן, וואָס איז פּאַראַליזירט — זײַנע הענט פֿלעגן הענגען, זײַנע פֿיס, זײַן גאַנצער קערפּער. אפֿשר איז דאָס געווען פֿון מידקייט, און אפֿשר פֿון פֿוילקייט. קיין מאָל האָב איך אים ניט געהערט לאַכן און קיין מאָל נישט געזען אַ שמייכל אויף זײַן פּנים. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אויפֿן 7טן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד" אין לעמבערג, אין 1906. אומרויִק האָט ער אויסגעקוקט, פֿאַרטראַכט, אומעטיק, אָן לעבנסמוט. קיין איינציק וואָרט נישט אַרויסגעזאָגט עפֿנטלעך. עס איז אוממיגלעך צו באַשרײַבן מײַנע געפֿילן און מײַן עקל יעדער מאָל, ווען איך דערמאָן זיך, ווי „האַרציק" ער האָט זיך דעמאָלט צעקושט מיט מיר... ער האָט דאָך שוין געהאַט אַן אַכט-יאָריקן סטאַזש פֿון פּראָוואָקאַציע הינטער זיך!..

* * *

סוף 1890 און אָנהייב 1891 איז די ווילנער אָרגאַניזאַציע באַרײַכערט געוואָרן מיט נײַע קרעפֿטן, און נאָך וואָס פֿאַר אַ קרעפֿטן! עס זענען אָנגעקומען אַרקאַדי קרעמער און זײַן שפּעטערדיקע פֿרוי פּאַטי סרעדניצקי, אײַזנשטאַט און ליובע לעווינסאָן — אַלע אָקאָרשט אַרויסגעלאָזענע פֿון פֿאַרשיידענע תּפֿיסות. אויך דער לערער גאָזשאַנסקי (לנו) איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט. אַלע אויסגעשפּראָכענע,

---

4 אַ געלעגער פֿון הוילע ברעטער.

איבערצײַגטע מאַרקסיסטן, אַחוץ אײַזנשטאַטן, װעלכער האָט נאָך דעמאָלט דעם מאַרקסיזם נישט אין גאַנצן אַקצעפּטירט. אַ נײַ לעבן איז אַרײַנגעטראָגן געװאָרן אין דער אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע-טעטיקייט. דער צענטער, װאָס האָט זיך געבילדעט, איז באַשטאַנען פֿון אַרקאַדי קרעמער, אײַזנשטאַט, ליובע לעװינסאָן, פּאַטי סרעדניצקי, קאָפּעלזאָן, גאָזשאַנסקי, פּאָליע גאָרדאָן און מיר. ער האָט אָנגעהויבן צו פֿונקציאָנירן רעגלמעסיק, געהאַט װעכנטלעכע זיצונגען, אויף װעלכע מען פֿלעגט אויסאַרבעטן פּלענער פֿון דער אַרבעט, פּראָגראַמען פֿון פּראָפּאַגאַנדע, פֿאַרטיילן אין קרײַזן די נײַ-צוגעצויגענע אַרבעטער, גרינדן נײַע גרופּעס, באַזאָרגן די אָרגאַניזאַציע מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור. שפּעטער, װען די באַװעגונג האָט זיך פֿאַרבֿרייטערט און די נויט אין ליטעראַטור האָט זיך געלאָזט פֿילן אויף יעדן טריט און שריט, האָט דער צענטער גענומען אַרויסגעבן ליטעראַטור: געשריבענע, העקטאָגראַפֿירטע, געדרוקטע.

פּאַראַלעל מיט דעם דאָזיקן צענטער איז נאָך געװען אַ צענטראַלע קאַרפּערשאַפֿט, װאָס איז באַשטאַנען בלויז פֿון אַרבעטער, אָפּגעטיילט פֿון אים איבער קאָנספּיראַטיװע מאָטיװן. אַהער זײַנען אַרײַן: גוסטע װאָלפֿסאָן, בערטע װאָלפֿסאָן, העלענע העלפֿאַנד, סאָלאָמאָן מענאַקער, פֿאַניע רעזניק, מאָטל מײַזעל, יאַקאָװ דער קאַמאַשנמאַכער, אַלטער און שפּעטער מאַריאַ זשאַלודסקי, צביה און נאָך אַנדערע. אָפֿט צוליב װיכטיקע פֿראַגן אָדער שטרײַטפֿראַגן פֿלעגן אָפּגעהאַלטן װערן געמיינזאַמע זיצונגען. אַ פּאָר בײַשפּילן: דאָס יאָר 1891--92 איז געװען אַ הונגער-יאָר. די שטאָטישע אָרעמע לײַט אין אַ סך שטעט פֿון „תּחום" האָבן אונטער דעם דרוק פֿון די הויכע פּרײַזן און שרעקלעכער נויט געמאַכט פּרוּװן נישט צוצולאָזן, מען זאָל אַרויספֿירן תּבֿואה קיין אויסלאַנד. װילנע איז נישט געװען קיין אויסנאַם. האָט די ליבעראַלע אינטעליגענץ פֿון שטאָט באַשלאָסן צו עפֿענען אַ פּאָר פֿאָלקסקיכן און אײַנגעלאַדן אונדז צו נעמען אָנטייל אין זיי. אַ הייסע דיסקוסיע האָט זיך אַנטװיקלט דערבײַ, און מיר האָבן זיך צעטיילט אין צװיי לאַגערן. אַ געמיינזאַמע פֿאַרזאַמלונג פֿוןביידע צענטערס — פֿון אונדזערן און פֿון דעם אַרבעטער-צענטער – איז אָפּגעהאַלטן געװאָרן הינטער דער שטאָט. די, װאָס זײַנען געװען פֿאַרן אָנטייל נעמען, האָבן געטענהט, אַז דאָס װעט אונדז ברענגען „נענטער צו די מאַסן". געזיגט האָבן די „יאַ"-זאָגערס, אָבער נאָך איין טאָג אַרבעט האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פֿון זייער מיינונג: מער װי פּראָפּעסיאָנעלע בעטלערס זײַנען אין דער פֿילאַנטראָפּישער עפֿנטלעכער קיך נישט געקומען. איך געדענק, װי אַרקאַדי האָט זיך אויף מאָרגן אויסגעדריקט: „פֿון אַזאַ מין נאָענטקייט צו די מאַסן קערט ברעכן"...

אויך צוליב דער פֿײַערונג פֿון 1טן מאַי 1892 איז אָפּגעהאַלטן געװאָרן אַ געמיינזאַמע זיצונג פֿון ביידע צענטערס. עס האָט זיך געהאַנדלט װעגן דעם, װי זי צו אָרגאַניזירן און װעמען אײַנצולאַדן. דאָס איז געװען דאָס ערשטע מאָל, װען די ייִדישע אַרבעטער האָבן געפֿײַערט דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער-יום-טובֿ. מער נישט װי 100 אַרבעטער און אַרבעטערינס זײַנען צוגעלאָזן געװאָרן צו דער פֿאַרזאַמלונג, אָבער גרויס איז געװען איר באַדײַטונג אויף דער ייִדישער אַרבעטער-גאַס און אַ באַגײַסטערונג האָט זי אַרויסגערופֿן אין די סאָציאַליסטישע קרײַזן פֿון רוסלאַנד, דער עיקר איבער די פֿיר רעדעס, װאָס די שנײַדערינס רעזניק און העלפֿאַנד, דער קאַמאַשן-מאַכער גערשאָװסקי און דער גאָלדשמיד מייזל האָבן געהאַלטן. די רעדעס זײַנען שפּעטער אָפּגעדרוקט געװאָרן אויף רוסיש פֿון גראָזאָװסקין (יאָגיכעסן) אין זײַן „סאָצ'-דעמ' ביבליאָטעק" מיט אַ הקדמה, װאָס איז אָנגעשריבן געװאָרן מיט ראָזע לוקסעמבורגס הילף.[5] מחמת דער סכּנה, װאָס איז געװען פֿאַרבונדן מיט יענער געהיימער פֿאַרזאַמלונג, האָט דער אַרבעטער-צענטער אײַנגעלאַדן נאָר צװיי „אינטעליגענטן": אַרקאַדין און מיך.

5 די װילנער אָרגאַניזאַציע האָט געבעטן יאָגיכעסן איבערצוגעבן די 4 רעדעס פּלעכאַנאָװן, אָבער אָנשטאָט דאָס צו טאָן האָט ער זיי אַליין אָפּגעדרוקט (זע די דאָזיקע 4 רעדעס אין דעם זאַמלבוך). — רעד'.



צמח קאָפּעלזאָן („טימאָפֿיי")

(1933—1869)



דוד קאַץ („טאַראַס", וו. צאָגלין)



איסאַי (ישעיה) יודין=אײַזנשטאַט

(1937—1867)



ליובע לעווינסאָן=אײַזנשטאַט

(1903—1866)

אויף יענער היסטאָרישער פֿאַרזאַמלונג האָט זיך צום ערשטן מאָל געלאָזט הערן אַ שטים פֿון אַ מענטשן, וועמען ס'איז געראָטן אַרײַנצוברענגען אין די ווילנער אַרבעטער-רייען אַ מהומה, וואָס האָט זיך אין אַ יאָר אַרום פֿאַרוואַנדלט אין אַן אמתן קריזיס פֿון דער אָרגאַניזאַציע. דער גראַווירער אַ. גאָרדאָן („אַברהם רעזטשיק") האָט גאָר אומגעריכט פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע דורכגעלייענט אַ מאַנוסקריפּט, פֿול מיט באַשולדיקונגען קעגן די אינטעליגענטן, וואָס האָבן „פֿאַרפֿלאַכט" דעם סאָציאַליזם דורך צוציען „אומוויסנדע" אַרבעטער צו דער באַוועגונג. גאָרדאָן און זײַנע אָנהענגער זײַנען אין אַ יאָר אַרום אַרויסגעטראָטן קעגן מאַסן-אַגיטאַציע, קעגן שטרײַקן, קעגן דער ייִדישער שפּראַך אַלס דעם אויסדרוק פֿון איבערגאַנג פֿון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע, און פֿאַר רוסיש, רוסישער „גראַמאָטע" אין די קרײַזלעך. דער קריזיס האָט לאַנג נישט געדויערט, אָבער אַ צערו-דערונג אין דער אָרגאַניזאַציע האָט ער דאָך אַרײַנגעבראַכט אַ גרויסע. דאָס איז די אַזוי גערופֿענע „ווילנער אָפּאָזיציע".

מער פֿאַר אַלעמען האָט אַרײַנגעבראַכט אַ נײַ לעבן אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע אַלעקסאַנדער (אַרקאַדי קרעמער). עס וועט נישט זײַן קיין גוזמא צו זאָגן, אַז ער איז געוואָרן די נשמה פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג נישט נאָר אין ווילנע, נאָר אויך אין די אַנדערע שטעט, וווּהין זי האָט זיך אַריבערגעוואָרפֿן. אַ פּשוטער, אַ דעמאָקראַט דורך זײַן לעבן-שטייגער און דורך זײַנע באַציִונגען צו חבֿרים און צו מענטשן בכלל, אָן ספּעציפֿיש אינטעליגענטישע געננ, איז ער גלײַך געוואָרן באַליבט בײַ אַלעמען און בײַ יעדערן. צו אַלץ פֿלעגט ער זיך באַציען ערנסט און צוגיין רויִק, אַנאַליטיש. זײַן באַשיידנ-קייט האָט נישט געהאַט קיין גרענעצן. נײַע פֿראַגן, נײַע פּראָבלעמען פֿלעגן אָפּט אַרויפֿשווימען און פֿאָדערן אַ תּשובֿה, נײַע פּראַקטישע אויפֿגאַבן — די דורכפֿירונג אין לעבן; אַלעקסאַנדער פֿלעגט זיך דערבײַ קיינמאָל נישט פֿאַרלאָזן אויף זיך אַליין און אַלעמאָל זוכן צו דערגיין די מיינונג אַפֿילו פֿון די ייִנגסטע חבֿרים אין דער באַוועגונג.

אַ מאָדנע, אומגלייבלעכע צוציקראַפֿט האָט ער געהאַט נישט נאָר ווי אַ געזעלשאַפֿט-לעכער טוער, נאָר אויך פּערזענלעך. אַזוי פֿיל יאָרן זײַנען פֿאַרבײַ — כּמעט אַ מענטשנס לעבן – און אַפֿילו איצט, ווען איך דערמאָן זיך אָדער איך הער דעם נאָמען „אַרקאַדי", נעמט מיך דורך אַ געפֿיל פֿון וואַרעמקייט און סימפּאַטיע. עס ווילט זיך אים ווידער זען, דורכשמועסן זיך מיט אים, סתּם פֿאַרברענגען מיט אים אַ ביסל צײַט.[6]

אַרקאַדי איז געווען זייער באַוווּסט און באַליבט נישט בלויז אין די ייִדישע סאָציאַ-ליסטישע קרײַזן, נאָר אויך אין די רוסישע. זײַן בראָשור „וועגן אַגיטאַציע" האָט געמאַכט זייער אַ גרויסן רושם, און כּמעט אין אַלע רוסישע שטעט, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעטער-באַוועגונג, האָט מען אָנגעווענדט די פּרינציפּן און מעטאָדן, וואָס זײַנען אָנגעצייכנט אין יענער בראָשור. אמת, אייניקע רוסישע סאָציאַליסטישע גרופּעס, צום בײַשפּיל די „ראַבאָטשאַיאַ מיסל", האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס און אַ טעכניש-פּראַקטישע מעטאָדע פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּרינציפּ, אָבער דאָס איז שוין געווען נישט אַרקאַדיס שולד...

פּאַטי סרעדניצקי (אַרקאַדיס פֿרוי) איז געווען אַ טיפּישע—ווי די אַמעריקאַנער רופֿן דאָס—„ביזי-באָדי" אין דער באַוועגונג, אָבער אין גוטן, שיינעם, רעוואָלוציאָנערן זינען פֿון וואָרט. אייביק פֿאַרשמײַעט, לויפֿנדיק פֿון איין קרײַז צו אַ צווייטן, אויף די פֿאַר-זאַמלונגען פֿון די „קאַסעס", איבערגעבנדיק ליטעראַטור, קאָרעספּאָנדירנדיק, איבערזעצנ-דיק אויף ייִדיש, זוכנדיק ווו צוזאַמענצוקלײַבן אַ ביסל נייטיק געלט... זי איז אַרעסטירט געוואָרן דאָס צווייטע מאָל אָנהייב 1897 און מען האָט זי פֿאַרשיקט אין אַ קליין שטעטל אין מאָהילעווער גובערניע. און אַפֿילו דאָרטן האָט זי נישט געקענט זיצן רויִק. נאָכן גרויסן אַרעסט אין „בונד", ווען מען האָט אַרקאַדין און די אַנדערע אַרײַנגעוואָרפֿן אין די מאָסקעווער טורמעס, פֿלעגט פּאַטי פּשוט באָמבאַרדירן מיך מיט בריוו, פֿאָדערנדיק

6 דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן, בעת אַרקאַדי קרעמער האָט נאָך געלעבט. — רעד'.

אַרבעט. איך בין דעמאָלט געווען אין אויסלאַנד, און אירע בקשות פֿלעג איך פּינקטלעך איבערשיקן צו טאַראַסן („טאַראַס"—קאַץ, וו. צאָגלין) פֿון צענטראַלן קאָמיטעט פֿון „בונד".

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען, אַז אונדזער נ ח (פּאָרטנאָי) האָט געהאַט אַ שײַכות צו דער פּיאָנערן-עפּאָכע אין ווילנע, אָבער ער האָט נישט דורכגעמאַכט די ג אַ נ צ ע עפּאָכע. אַ קורצע צײַט נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיקט דעם ווילנער לערער-אינסטיטוט און געווען אַ לערער אין אַ שול אין ווילנע, האָט מען אים אַריבערגעפֿירט קיין קאָוונע, ווו מען האָט אים אין גיכן אַרעסטירט, געהאַלטן אַ לאַנגע צײַט אין תּפֿיסה און פֿאַרשיקט אין סיביר. וועגן נחן וואָלט מען געדאַרפֿט געבן אַ ספּעציעלן אַרטיקל מיט דער אָפּשאַצונג פֿון זײַן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. עס איז געווען אַ צײַט אין „בונד", ווען דער צענטראַלער קאָמיטעט איז געווען — נח און נח — דער צענטראַלער קאָמיטעט; דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם גרויסן דורכפֿאַל פֿון „בונד" אין 1898, ווען מען האָט אַרעסטירט דעם גאַנצן צענטראַלן קאָמיטעט. נח איז אַנטלאָפֿן פֿון סיביר אָנהייב 1900 און גלײַך זיך געשטעלט אין דינסט פֿון „בונד". ט אַ ר אַ ס—קאַץ, וואָס איז אויך געווען אין צענטער, איז טאַקע געווען אַן איבערגעגעבענער, ענערגישער, אַרבעטזאַמער טוער, אָבער עס האָט אים געפֿעלט דער אויטאָריטעט פֿון אַ פֿירער. נח האָט אַזאַ אויטאָריטעט יאָ געהאַט — דעריבער איז אים געראָטן צוצוציען נײַע וויכטיקע כּוחות, צו באַשאַפֿן אַ נייטיקע פּעריפֿעריע און אַוועקצושטעלן אויף די פֿיס אַ שטאַרקן, גוט פֿונקציאָנירנדיקן צענטער.

באַלד נאָך יענע עטלעכע חבֿרים, וואָס האָבן צוגעגעבן אַזוי פֿיל לעבן דער ווילנער אָרגאַניזאַציע, האָבן אָנגעהויבן צוצוקומען נײַע כּוחות: ל י ט וו אַ ק, פּ אַ וו ע ל ב ע ר מ אַ ן פֿון פּאָנעוועזש, ג ל ע ב—מ ו ט נ י ק אָ וו י ט ש (מוטניק), וואָס די דײַטשע רעגירונג האָט אים אַרויסגעשיקט 1889 פֿון בערלין, מ אַ ק ס ט אָ ב י אַ ש, ז ע ל ד אָ וו (נעמאַנסקי), די ברידער ג אָ ל ד מ אַ ן, מ אָ י ס ײ (דער אײַנבינדער), מ אַ ר ט אָ וו, און צולעצט וו ל אַ ד י מ י ר ק אָ ס אָ וו ס ק י, איינער פֿון די בעסטע טעאָרעטיקער פֿון „בונד".

עס וועט אפֿשר זײַן אינטערעסאַנט צו דערמאָנען וועגן אונדזער באַציִונג צו דעם צ י ו נ י ז ם פֿון יענער צײַט, וואָס איז דעמאָלט געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּאַלעסטינאָ-פֿילסטווע". נישט די אַרבעטער און נישט מיר האָבן נישט געהאַט דעם קלענסטן אינטערעס צו דער אויפֿקומענדיקער ציוניסטישער באַוועגונג; איך זאָג נישט, צי דאָס איז געווען גוט אָדער שלעכט, נאָרמאַל אָדער אומנאָרמאַל, אָבער אַזוי איז עס געווען. די באַוועגונג איז געווען קליין, אומבאַדײַטיק, קיין השפּעה אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן האָט זי נישט געהאַט, און מיר פֿלעגן מיט איר אין קיין שום באַרירונג נישט קומען. נאָר א י י ן מאָל, געדענק איך, האָבן מיר געהאַט אַ קאָנפֿליקט, אָדער בעסער געזאָגט — אַ שאַרפֿן דיספּוט מיט אירע אָנהענגער. ווען דער ציוניסט וו. טיאָמקין איז געקומען קיין ווילנע — אַרום 1892 אָדער 1893 — האָבן זײַנע פֿרײַנד צונויפֿגערופֿן אין אַ פּריוואַטן הויז אַ געהיימע פֿאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ער האָט דורכגעלייענט אַ רעפֿעראַט וועגן דעם אויפֿקום, אַנטוויקלונג און די צילן פֿון דער פּאַלעסטינישער באַוועגונג. אַ פּאָר פֿון אונדזערע זײַנען אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן, אָבער אָנשטאָט אַ פּאָר זײַנען מיר געקומען אין אַ צאָלרײַכער גרופּע. דער רעפֿעראַט האָט אַנטהאַלטן די באַוווּסטע אַרגומענטן פֿאַר פּאַלעסטיניזם און די נישט ווייניקער באַוווּסטע קריטיק פֿון דער „האָפֿענונגסלאָזער עמאַנציפּאַציע-באַוועגונג", וועגן „נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט", „רענעסאַנס", די „פּוסטע חלומות פֿון אַ גליקלעכער צוקונפֿט אין גלות", „אילוזאָרישקייט פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם", וועגן דעם, אַז „דער באַפֿרײַונגס-קאַמף וועט מער שעדיקן ווי העלפֿן די יידן, ווײַל ער וועט אַרויסרופֿן רדיפֿות און פּאָגראָמען" און אַזוי ווײַטער אין דעם זעלביקן גײַסט. ווען טיאָמקין האָט געענדיקט, האָט איסאַי אײַזנשטאַט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ ביכל און אָנגעהויבן צו ציטירן אַן אַרטיקל וועגן דער יידן-פֿראַגע פֿון שטאַנדפּונקט פֿון סאָציאַליזם. דאָס איז געווען דער באַקאַנטער אַרטיקל אין „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי", וואָס איז געווען

פֿאַרפֿאַסט, אויב איך האָב נישט קיין טעות, פֿון דעם נאַראָדאָוואָלעץ און שפּעטער סאָציאַליסט - רעוואָלוציאָנער רובאַנאָוויטש.[7] דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ סענסאַציע ביַי די פֿאַרזאַמלטע, און טיאָמקין האָט זיך געוואָרפֿן צו אַייזנשטאַטן און געפֿאָדערט, ער זאָל אים וויַיזן דאָס ביכל... אין שטאָט האָט מען נאָך דעם אַ סך גערעדט וועגן דעם אינצידענט.

דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל פֿון אונדזער עפֿנטלעכער באַגעגעניש מיט די ציוניסטן אין יענער צייַט.

* * *

אין 1892 בין איך אַרעסטירט געוואָרן צום ערשטן מאָל. אַ געשעעניש נישט קיין וויכטיקע, אָבער זייער כאַראַקטעריסטישע פֿון וועגן די אומשטענדן, אין וועלכע דאָס האָט פּאַסירט. ווילנע איז געווען באַקאַנט מיט איר שטרענגער קאָנספּיראַציע און עטלעכע יאָר זיַינען פֿאַרביַי אָן אַרעסטן. בין איך טאַקע אַריַינגעפֿאַלן נישט צוליב ווילנע, נאָר דורך דער אומפֿאָרזיכטיקייט פֿון סטודענט וויקטאָר שאַריי, פֿון פּעטערבורגער אוניווערסיטעט.

אין פּעטערבורג האָט זיך צו יענער צייַט געגרינדעט אַ רעוואָלוציאָנערע גרופּע, מיט שאַריי בראָש, צו וועלכער עס איז אויך צוגעשטאַנען מאַרטאָוו, דעמאָלט נאָך אַ סטודענט. די גרופּע האָט אָפּגעדרוקט אַ בלעטל „סוואָבאָדנאָיע סלאָוואָ", אָנגעשריבן פֿון דעם באַרימטן רוסישן פּובליציסט נ. מיכאַילאָווסקי. אָט דאָס בלעטל צוזאַמען מיט אַ צייַטונג, וואָס איז אָקאָרשט געווען אַרויסגעגעבן פֿון דער גרופּע „יונגע נאַראָדאָוואָלצעס"—אַ צייַטונג, וואָס האָט געפּריידיקט אַ מין סינטעז, אַ מין קאָמבינאַציע פֿון טעראָריסטישער טאַקטיק און מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם – האָט שאַריי געוואָלט צושיקן צו מיר אין אַ סך עקזעמפּלאַרן. אין פּעטערבורג איז דעמאָלט געווען אויף אַ באַזוך אַן אָפֿיצער, אַ גוטער פֿריַינד פֿון שאַרייס פֿאַמיליע, וועלכער האָט קיין שייַכות נישט געהאַט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; האָט שאַריי זיך געטראַכט, אַז דאָס איז די בעסטע געלעגנהייט אַריבערצושיקן דורך אים דאָס פּעקל ליטעראַטור. ער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיַין שוועסטער, בעטנדיק זי איבערצוגעבן אַלץ צו „מיללן"—אין געגנדזן-פּיסלעך. אָבער איידער דער אָפֿיצער האָט דאָס געקראָגן, איז פֿאָרגעקומען ביַים סטודענט שאַריי גאָר אומגעריכט אַן „אָביסק"; דאָס פּעקל און דער בריוו זיַינען אַריַינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון דער פּאָליציי און שוין אויף מאָרגן האָט מען געמאַכט אַ הויז-זוכונג ביַי שאַרייס מוטער אין ווילנע. געוווינט האָט זי מיט איר טאָכטער און די איבעריקע זין אין אַ קליין דירהלע אויפֿן צווייטן עטאַזש פֿון אַ גרויסער, לאַנגער, פֿינצטערער און אומעטיקער געביַידע, אַנטקעגן דער בערנאַרדינער קירך, ניט וויַיט פֿון זאַרעטשער בריק. דער ערשטער עטאַזש איז אין גאַנצן געווען פֿאַרנומען פֿאַר אַ נאַכטהויז („נאָטשלעזשני דאָם"), ווו בעטלער, היימלאָזע פֿלעגן קענען איבערנעכטיקן פֿאַר 3 אָדער 5 קאָפּיקעס. דער צווייטער עטאַזש איז געווען איַינגעטיילט אויף אַ מאַסע דירהלעך, וואָס זיַינען געווען פֿאַרדונגען צו אַלמנות פֿון אָרעמע באַאַמטע; די געביידע איז פֿריער געווען אַ קאַטוילישער קלויסטער, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט קאָנפֿיסקירט נאָכן פּוילישן אויפֿשטאַנד אין 1863.

איך בין געווען אַן אייגענער מענטש אין שאַרייס פֿאַמיליע; אַלע פֿלעגן זיך באַציִען צו מיר זייער פֿריַינדלעך. די מוטער איז געווען אַ זעלטענע פֿרוי. איר שנאה צו דער צאַרישער רעגירונג האָט געהאַט אַ סך וואָרצלען. זי איז געווען קאַטויליש, אָבער דערפֿאַר, וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ רוס, איז זי געווען געצוווּנגען צו דערציִען אירע קינדער אין דער פּראַוואָסלאַוונער רעליגיע. אין די ווילנער גימנאַזיעס פֿלעגן די לערער זיך באַציִען מיט חשד צו אירע זין און שיקאַנירן זיי אויף טריט און שריט, טאַקע מחמת זייער מוטער איז געווען קאַטויליש. אַחוץ דעם האָט פֿרוי שאַריי האָלט געהאַט איר עלטסטן זון פּשוט מיט קרענקלעכער מוטער-ליבע. און היות ווי ער איז

[7] עס ווערט געמיינט דער אַרטיקל אין נומער 5 פֿון „וועסטניק נאַר' וואָלי" (אַרויס אין 1886) א״ג געחתמעט פֿון א י ל י אַ ש ע ו י ט ש, פּסעוודאָנים פֿון רובאַנאָוויטש.—ר ע ד'. Что делать евреям в России?

געווען אַ רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסט, זײַנען אַלע רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטן געווען איר טײַער. טרעפֿט מיך איין מאָל אַרקאַדי און זאָגט: עטלעכע אומלעגאַלע ביכלעך אונדזערע צירקולירן פֿון האַנט צו האַנט; וועגן זיי איז נישטאָ וואָס צו זאָרגן. אָבער וואָס טוט מען מיט דער איבעריקער ליטעראַטור, מיט אונדזער אומלעגאַלער ביבליאָטעקל? איז מיר גלײַך אײַנגעפֿאַלן: אפֿשר וועט פֿרוי שאַריי אין דעם העלפֿן? קום איך צו איר און דערצייל איר. אָבער ווי נאָר איך האָב אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער, האָט זי איבערגעהאַקט און געזאָגט: ברענג דאָס צו מיר, איך וועל דאָס באַהאַלטן דווקא דאָ; גיב אַ קוק אויף די פֿינצטערע קאָרידאָרן, וואָס זײַנען ברייט און לאַנג, ווי גאַסן; אויף ביידע זײַטן זײַנען אָנגעוואָרפֿן קערב און קאַסטנס, פֿאַר וועלכע עס איז ניטאָ גענוג פּלאַץ אין די דירות; איך אַליין האָב עטלעכע קערב און איין קאָרב איז בײַם עק פֿון קאָרידאָר; קיין לעבעדיקע נשמה וועט קיין מאָל נישט טרעפֿן, אַז דאָס איז מײַנס. און טאַקע: צוויי מאָל האָט מען געמאַכט בײַ איר פּאָליציי-רעוויזיעס, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז געווען גערעכט: אונדזער אומלעגאַלע ביבליאָטעק איז נ י ש ט אַנטדעקט געוואָרן.

בשעת דער רעוויזיע האָבן די זשאַנדאַרמען גלײַך אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן, ווער איז דאָס דער „מילל“; זיי זײַנען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַן אויסגעטראַכטער נאָמען, אַ פּסעוודאָנים. אָבער אין הסכּם מיט אונדזער פֿריערדיקער פֿאַרשטענדיקונג, האָט פֿרוי שאַריי נישט געלייקנט אונדזער באַקאַנטשאַפֿט, געזאָגט, אַז איך בין געווען אירע קינדערס רעפּעטיטאָר (לערער), און אַז מײַן אַדרעס איז איר אומבאַקאַנט. האָט דאָס דער ייִנגסטער זון אירער, אַ בחורל פֿון אַ יאָר 10, געהערט, זיך אַרויסגעגנבֿעט פֿון הויז און געלאָפֿן מיך זוכן אָנצוזאָגן, אַז די זשאַנדאַרמען זײַנען אין זייער הויז און ווילן דערגיין ווו איך וווין. אין דער היים האָט ער מיך נישט געפֿונען, אָבער געטראָפֿן אויף דער גאַס. וואָס טוט מען? בײַ מיר האָט זיך געפֿונען די האַלב-לעגאַלע ביבליאָטעק פֿון דער אָרגאַניזאַציע. ווי ראַטעוועט מען זי אַרויס? האָב איך זיך דערמאָנט, אַז נישט ווײַט פֿון מײַן קוואַרטיר געפֿינט זיך אַ גרויסער וואַרשטאַט, וואָס האָט באַשעפֿטיקט עטלעכע פֿון אונדזערע נייטערינס; האָב איך אַרויסגערופֿן איינע, דערציילט איר די מעשה און געבעטן איבערגעבן אין „שטאָט“. זי האָט צוגעזאָגט גלײַך צו קומען מיט עטלעכע חבֿרטעס און אַרויסראַטעווען אַזוי פֿיל ביכער ווי מיגלעך. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען מיך אַרעסטירט, אָבער קיין הויז-זוכונג דערווײַל נישט געמאַכט. נאָך דעם ווי מען האָט מיך אָפּגעהאַלטן אַ ביסל צײַט אין דער זשאַנדאַרם-אָפּטיילונג אויף פּאָהולאַנקע, האָט די גאַנצע כאַליאַסטרע פֿון די זשאַנדאַרמען געבראַכט מיך צוריק אַהיים, און ווען איך האָב געעפֿנט די טיר, בין איך געבליבן אַ פֿאַרשטיינערטער: אַלץ אין אומאָרדענונג, קיין איינציק בוך, די טיר, וואָס פֿירט פֿון מײַן צימער צו דער בעל-הביתטעס דירה, אויפֿגעבראָכן, הגם צוגעמאַכט... איך האָב געוווינט בײַ ליאַס׳ אַ טאָכטער. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער צײַט זײַנען צו איר געקומען איר שוועסטער רעוועקאַ ליאַס, אַרקאַדי, עטלעכע אַרבעטערינס, פּעסקין און נאָך עמעצער און אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט. די דירה איז געווען אויפֿן ערשטן עטאַזש צווישן צוויי גאַסן, נישט ווײַט פֿון ליפּסקיס ביר-ברויז, און אַרקאַדין איז געראָטן זיך אָפּצוטראָגן דורכן פֿענצטער. די אַדרעסן פֿון די איבעריקע זײַנען געווען פֿאַרשריבן, אָבער קיין טרויעריקע רעזולטאַטן האָט דאָס נישט געבראַכט.

שאַרייס שוועסטער און איך זײַנען אָפּגעקומען זייער גרינג: מיר האָבן געקראָגן צו צוויי יאָר פּאָליציי-אויפֿזיכט, איר ברודער און די איבעריקע פֿון דער פּעטערבורגער גרופּע — צו עטלעכע חדשים טורמע.

* * *

די יאָרן פֿון 1893 ביז דער גרינדונג פֿון „בונד“ זײַנען געווען יאָרן פֿון קאָנסאָלידירונג, באַפֿעסטיקונג פֿון די דערגרייכטע שווער אויסגעקעמפֿטע פּאָזיציעס, פֿון „קאָלאָניזירן“

די באַוועגונג אין אַנדערע שטעט — וואַרשע, ביאַליסטאָק, לאָדזש, אָדעס וכדומה, — פון פאַראיינהייטלעכן די טאַקטיק און פּראָגראַם, פון צוגעבן דער באַוועגונג אַ מער פּאָליטישן כאַראַקטער. די נייטיקייט פון קאַמף נישט נאָר פאַרן אַבסטראַקטן סאָציאַליזם, נאָר פאַר קאָנקרעטע פּאָליטישע פאָדערונגען און פאַר בירגערלעכער גלײַכבאַרעכטיקונג איז געוואָרן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַן אַקסיאָמע. די טענדענץ צו בילדן אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איר אויפגאַבע זאָל זײַן צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון ייִדישן אַרבעטער נישט נאָר אַלס ס ת ם אַרבעטער, נאָר אויך אַלס י ִ ד י ש ע אַרבעטער, איז געוואָרן מער און מער אָנערקענט. אין קאָנצענטרירטער, קלאָרער פאָרם האָבן די דאָזיקע טענדענצן געפונען זייער אויסדרוק אין מאַרטאָווס ערשטע מאַירעדע אין 1895, וועלכע איז שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „די נײַע עפּאָכע אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג".[8] און די טענדענצן האָבן דירעקט געפירט צו דער גרינדונג פון דעם „אַלגעמיינעם ייִדישן אַרבעטער-בונד".

* * *

אַ גאַנצע גאַלעריע חבֿרים, טיפּן, בילדער און אַ ריי געשעענישן פון דער פּיאָנערן-עפּאָכע אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין ווילנע האָב איך דאָ געבראַכט. ניט אַ קליין אַרטיקל, נאָר אַ גאַנץ בוך, עטלעכע ביכער וואָלט מען געקענט אָנשרײַבן וועגן יענעם אינטערעסאַנטן און וויכטיקן פּעריאָד. נישט נאָר אַ וויגעלע פון דער י ִ ד י ש ע ר אַרבעטער באַוועגונג איז געווען ווילנע, נאָר אַן אמתער „אוניווערסיטעט" פון סאָציאַליזם און פּראַקטישער אַרבעטער-באַוועגונג פאַר ג אַ נ ץ ר ו ס ל אַ נ ד. מען האָט זיך דאָרטן געלערנט, ווי צוצוקומען צו די אַרבעטער, ווי אַרײַנצוציען זיי אין דער באַוועגונג, ווי צו אָרגאַניזירן זיי, ווי צופירן זיי אין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף, אין קאַמף פאַר סאָציאַליזם. ווער איז נישט דורכגעגאַנגען יענעם „אוניווערסיטעט", ווער איז נישט געווען אונטער זײַן השפּעה? אונדזער אַלטער פרײַנד און חבֿר פראַנץ קורסקי, ווירגילי, פרומקין, ליטוואַק, מ. גורעוויטש, אַנאַ ראָזענטאַל, איזביצקי (מיכאַלעוויטש), זשעניע גורוויטש, אויך — אויב איך האָב ניט קיין טעות — ליעסין, דער רעדאַקטאָר פון „צוקונפט", אַנאַ ליפּשיץ, דעווענישסקי (אַ. ווײַטער), ראָזע לעוויט און נאָך און נאָך.

יאָרן לאַנג פלעגן מיר באַזאָרגן די רוסישע אָרגאַניזאַציעס פון די גרעסטע שטעט, ווי פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, מיט סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. מיר אַליין פלעגן זיך נייטיקן פאַר אונדזער ראַיאָן אין אַ פּאָר צענדליגג עקזעמפּלאַרן, אָבער אין יענע שטעט פלעגן מיר צושטעלן טויזנטער און טויזנטער עקזעמפּלאַרן. ווען אין 1895 האָב איך געבראַכט פון אויסלאַנד קיין ווילנע וואַליזעס מיט ליטעראַטור, געדענק איך, אַז דאָרטן זײַנען געווען נאָר עטלעכע ייִדישע ביכלעך, דאָס איבעריקע איז אַלץ געווען אויף רוסיש. אין 1898 בין איך אין אַ געוויסן גראַד „אַרײַנגעפאַלן" איבער אַ טראַנספּאָרט ליטעראַטור פאַר מאָסקווע, וואָס איך האָב איבערגענומען אין לאָדזש. און אַזוי איז עס געווען מיט אַ ל ע אונדזערע טראַנספּאָרטן. אַפילו די אָרגאַניזירונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי, איר ערשטער צוזאַמענפאָר (1898) איז אין אַ גרויסער מאָס געווען די אַרבעט פון „ווילנע", דער עיקר פון אַרקאַדי. דער מאַניפעסט פון דער פּאַרטיי, הגם אָנגעשריבן פון סטרוווע, איז צוויי מאָל געווען קאָרעגירט פון אַרקאַדין און וולאַדימירן (קאָסאָווסקי) און אָפּגעדרוקט אין דער דרוקערײַ פון „בונד" אין באָברויסק.

נישט אומזיסט האָט פּלעכאַנאָוו, אַ מענטש אַ קאַרגער אויף קאָמפּלימענטן — ווער האָט ווען-עס-איז געהערט אַ קאָמפּלימענט פון אים? — אין זײַן באַריכט צום לאָנדאָנער

---

8 דער נאָמען פון דער בראָשור איז אייגנטלעך „דער ווענדפּונקט (Поворотной пункт) אין דער ייִד׳ אַרב׳-ג:באַוועגונג" (זע ווײַטער). — ר ע ד.

אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין 1896 אָנגערופן די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג דער אַוואַנגאַרד פון דער גאַנצער רוסלענדישער אַרבעטער־באַוועגונג. און דאָס איז זי טאַקע געווען.

## II

## וואַרשע

אין אמתן זינען פון וואָרט האָט אין קאָנגרעס־פּוילן פאַר דער גרינדונג פון „בונד“ קיין ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג ניט עקסיסטירט. עס זײַנען נאָר געווען עלעמענטן פון דער צוקונפטיקער באַוועגונג — אַ ביסל דאָ, אַ ביסל דאָרטן, אָדער ריכטיקער — אַ פּאָר דאָ און אַ פּאָר דאָרטן. אַן אויסנאַם איז נאָר געווען וואַרשע. אָבער אַפילו אין וואַרשע האָט די אָרגאַניזירונג פון די ייִדישע אַרבעטער, זייער עקאָנאָמישער קאַמף און די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אָנגענומען די פאָרם פון אַ באַוועגונג נישט מער ווי אַ דרײַ יאָר איידער דער „בונד“ האָט זיך געגרינדעט.

די ערשטע שוואַלבן פון סאָציאַליזם אויף דער ייִדישער גאַס אין וואַרשע זײַנען געווען עטלעכע סטודענטן פון אוניווערסיטעט, וואָס זײַנען געקומען פון ווילנע אַרום 1890—1891. דאָס זײַנען געווען: ישראל פּעסקין (איצט אין פּאַריז); וויטקינד, וועלכער האָט זיך שפּעטער געשמדט און אַוועק פון אַלץ און אַלעמען, דער עיקר איבער זײַן פאַטערס טראַגישן טויט; אַנטאָקאָלסקי, וועלכער איז נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געוואָרן אַ טעטיקער קאָמוניסט און געאַרבעט אין מלוכה־פאַרלאַג אין מאָסקווע; ער איז געווען זייער אַ באַשיידענער, רויִקער און פרײַנדלעכער מענטש; אַלבערט זאַלקינד און נאָך אַ פּאָר. אייניקע פון זיי האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט עטלעכע ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטערינס „ליטוואַקעס“, אָבער ניט מיט אָרטיקע עלעמענטן. מיט אַ גײַסטיקן באַגאַזש, גענומען פון דער רוסישער ראַדיקאַלער ליטעראַטור און פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און גרופּעס, אָפּגעריסן פון אָרטיקן לעבן, האָבן זיי אין פּוילן ניט געקענט האָבן קיין שום השפּעה. און ווען מען האָט זיי אַלעמען באַלד אַרעסטירט, איז פון זייער גאַנצער אַרבעט כמעט גאָרנישט פאַרבליבן. שפּעטער איז קיין וואַרשע געקומען קאָפּעלזאָן, אָבער אויך ער האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטן און נאָך דער באַפרײַונג פון טורמע האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע.

אָבער נאָך איידער די דערמאָנטע ווילנער זײַנען געקומען קיין וואַרשע, האָבן דאָרטן געאַרבעט אַ גאַנצע ריי ייִדישע סאָציאַליסטן, ווי מוטערמילך, האָראָוויץ, סטאַניסלאַוו גאָלדבערג און נאָך — אַלע פּויליש אַסימילירטע ייִדן, וואָס זײַנען געשטאַנען ווײַט פון דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע. פון זיי איז נאָר סט. גאָלדבערג שפּעטער צוגעשטאַנען צו דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.[9]

אַ פּאָר יאָר איז דאָ אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס געווען כמעט טויט. „כמעט“, ווײַל אַ גאַנץ קליינע גרופּע אַרבעטער און תּלמידים פון דער האַנטווערקער־שול, מיט פּסחזאָנען אַלס פירער, האָט געטאָן אַלץ, וואָס זי איז געווען בכּוח, כּדי אַרײַנצוברענגען אַ ביסל לעבן. אין 1893 האָט זי אַפילו אַרויסגעלאָזט אַ העקטאָגראַפירטן מאַי־אויפרוף אין 150 עקז׳. אָבער אָן דערפאַרונג, אָן פּראַקטישער און טעאָרעטישער צוגעגרייטקייט,

---

9 נאָך זײַן צוריקקער פון סיביר (אַרום 1900) איז סט. גאָלדבערג צוגעשטאַנען צום „בונד“ און איז אין גיכן געוואָרן זײַנער אַ באַגײַסטערטער אָנהענגער, אָבער באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער אַרבעט האָט ער שוין ניט געקענט; מחמת זײַן שווערער לונגען־קראַנקהייט האָט ער געמוזט לעבן אין דער שווייץ. אין די יאָרן 1903—1905 זײַנען דורך זײַנע הענט דורכגעגאַנגען אַלע פּוילישע אויסגאַבן פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד“; ער איז אויך געווען דער פאַקטישער רעדאַקטאָר און הויפּט מיטאַרבעטער פון „גלאָס בונדו“ (1904—1905, זשענעווע). געשטאָרבן אין דער שווייץ זומער 1905. — רעד׳.

טאָפּנדיק אין דער פינצטער, האָט די דאָזיקע שוואַכע גרופּע קיין סך ניט געקענט אויפ-טאָן און איר ערפאָלג איז געווען זייער קליין. פונדעסטוועגן, ווען מיר, עטלעכע טוערס פון ווילנע — פריער איך און דורך מיין איניציאַטיוו אַ ביסל שפּעטער דער שלאָסער ל. גאָלדמאַן, די נייטערינס מ. זשאַלודסקי און „מערעלע״ גינזבורג און נאָך אייניקע — זיינען געקומען קיין וואַרשע אין 1894—1895 ספּעציעל אָנצופירן די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידישע אַרבעטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גרופּע איז געווען אַ גרויסע הילף און זייער נוצלעך פאַר אונדז. דורך איר איז אונדז געגעבן געוואָרן די מיגלעכקייט גלייך צו געפינען נייע פאַרבינדונגען און אַריינצו-דרינגען אין אַ היפּש ביסל פאַכן, וואַרשטאַטן און פאַבריקן.

ניט קיין קליינע הילף האָבן מיר געפונען אויך מצד צביה הורוויטש און די עטלעכע אַרבעטער פון אירע באַקאַנטע. זי איז געווען אַ זעמשערקע, אַן ערנסטע, קלוגע אַרבעטערין, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם פּראָפּאַגאַנדע-פּעריאָד אין ווילנע און האָט הייסט עס געהאַט אַ געוויסע גענישטשאַפט אויפן געביט פון יידישער אַרבעט. אָבער גראָד אין דער צייט, ווען אונדזער באַוועגונג האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן מיט אַ גיכקייט, וואָס האָט אַריבערגעשטייגט אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען און האָפענונגען, איז זי אין 1896 אַרעסטירט געוואָרן און אַוועקגעשיקט אין ביאַליסטאָקער טורמע. אַ פּאָר הדשים פאַר דער גרינדונג פון „בונד״ האָט מען זי באַפרייט און זי איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע, ווו זי האָט זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. איצט וווינט זי אין מאָסקווע.

מיט די דאָזיקע פאַרבינדונגען הייבט זיך אָן דאָס, וואָס מען קען אָנרופן אַ יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין וואַרשע. אין אַ קורצער צייט האָבן מיר שוין געהאַט אַ פּאָר הונדערט פּאָליטיש אָרגאַניזירטע אַרבעטער און עטלעכע געהיימע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַני-זאַציעס מיט הונדערטער מיטגלידער; די פאַרשפּרייטונג פון אויפרופן און בראָשורן אין אַ גרויסער צאָל איז געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג. יידישע פּראָקלאַמאַציעס מיט עקאָנאָ-מישן און פּאָליטישן אינהאַלט — דאָס איז געווען אין גאַנצן אַ נייס אויף דער יידישער גאַס, און זיי האָבן אַרויסגערופן אַן אומבאַשרייבלעכן אינטערעס. אומעטום צווישן די אַרבעטער האָט מען גערעדט וועגן זיי. די אַלגעמיינע מיינונג פון יענער צייט, וואָס האָט געהערשט אין די יידישע סאָציאַליסטישע רייען, אַז ריין פּאָליטישע אַגיטאַציע וועט אָפּשרעקן די מאַסן, האָט זיך דאָ באַזונדערס אַרויסגעוויזן פאַר ניט ריכטיק, בכל אופן — בנוגע וואַרשע. אַדרבה, עס האָט זיך באַשטעטיקט די מיינונג, אַז עס איז ניט נייטיק גראָד דורכצוגיין די סטאַדיע פון „עקאָנאָמיזם״ כדי צו געפינען אָפענע אויגן און הערנדיקע אויערן פאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע. צו יענער צייט (1897) געהער אויך די פאַרשפּרייטונג פון דער ערשטער געדרוקטער מאַי-פּראָקלאַמאַציע. איך בין געווען איר מחבר, אָבער געדרוקט איז זי געווען אין אויסלאַנד, און דאָס האָבן באַזאָרגט ווידער די ווילנער: קרעמער און פּאַטי סרעדניצקי. די פּראָקלאַמאַציע, כאָטש זי האָט געטראָגן די אונטערשריפט פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, איז אויך געווען פאַרשפּרייט אין ווילנע.

די השפּעה פון אונדזער אָרגאַניזאַציע אויף דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין וואַרשע איז געוואַקסן ממש מיט יעדער שעה. שניידערס, שניידערינס, פּודעלקע-מאַכערס, ביי טל-מאַכערס, בעקערס, סטאָלאַרעס, קונסטבלומען-מאַכערס, שוסטערס, געגריוועטע שוסטערס, קופּערשמידן; פיינקינדס פאַבריק, אַראָנאָוויטשעס פאַבריק, פּאָליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן-פאַבריק — אומעטום זיינען מיר אַריינגעדרונגען, אומעטום האָבן זיך געבילדעט אַרבעטער-גרופּעס. אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ סימן פון לעבן אויף דער יידישער אַרבע-טער-גאַס, האָט געזוכט אַ באַרירונג מיט אונדזער אָרגאַניזאַציע. און טאַקע מחמת דעם דרוק פון דער „גאַס״ האָבן די יידישע אָנהענגער פון דער פּוילישער סאָצ׳ פּאַרטיי (פּפּ״ס), וואָס האָבן געהאַט זייערע אַ פּראָפּאַגאַנדע-גרופּע, געפונען פאַר נייטיק צו זוכן אַ דערנענטערונג צו אונדז. אָבער ניט אונדזער גרויסער ערפאָלג אַליין, נאָר אויך די פּאָליטיק

פון דער פפ"ס בנוגע דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן — און אפשר דאָס צווייטע מער ווי דאָס ערשטע — איז געווען די סיבה פון זייער „בונט" קעגן דער פפ"ס און פון זייער ווּנטש צו קומען צו אַ הסכם מיט אונדז.

די פפ"ס איז דעמאָלט געווען די הערשנדיקע — ניין, די איין־און־איינציקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צווישן די פּוילישע אַרבעטער. נאָך די גרויסע אַרעסטן אָנהייב די 90ער יאָרן איז פון דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", פון דעם „זוויאָנזעק" (בונד פון פּוילישע אַרבעטער) און פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (פּס"ד) קיין זכר ניט פאַרבליבן. אַדאַנק דער פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער לאַגע פון לאַנד האָט פפ"ס אַרײַנגעצויגן אין זיך אַלץ, וואָס איז געווען רעוואָלוציאָנער אין לאַנד, נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנער, סאָציאַליסטיש אָדער סאָציאַליסטיש באַפאַרבט. אינטעליגענטן, אַרבעטער, שטודירנדיקע יוגנט האָבן אויסגעפילט אירע קאַדרען. אירע פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס פלעגן אַלע מאָל דורכגיין מיט אַן ערפאָלג. איר ליטעראַטור פלעגט מען זען אומעטום. אַפילו דער „פּשעדסוויט", וואָס פלעגט זיך דרוקן אין לאָנדאָן, פלעגט אָנקומען פּינקטלעך יעדן חודש און זייער זעלטן פאַרשפּעטיקן. דאָס אַליין האָט געהאַלטן דעם פּרעסטיזש פון פפ"ס זייער הויך. און אַפילו די מענטשן פון דער פּעריפעריע, וואָס זײַנען ניט געווען מסכים מיט דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון פפ"ס, פלעגן פונדעסטוועגן באַוווּנדערן איר שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, איר ברייטע ליטעראַרישע טעטיקייט און אירע ענערגישע אַרויסטרעטונגען אויפן פּאָליטישן געביט.

די פפ"ס האָט ניט געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ פּאַרטיי נאָר פון פּוילישע אַרבעטער; זי האָט זיך געהאַלטן פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון פּוילן. און גראָד האָט זי דערבײַ פאַרגעסן, אַז אין פּוילן איז אַחוץ אַ פּוילישער באַפעלקערונג פאַראַן אויך אַ ייִדישע, און טאַקע אַ גרויסע אין צאָל, און אַז זי באַשטייט ניט סתם פון אַ סאָציאַל איינהייטלעכער מאַסע, נאָר פון קעגנגעזעצטע קלאַסן. ניט די קלענסטע אָנשטרענגונג האָט די פפ"ס געמאַכט צו געווינען אויך די ייִדישע אַרבעטער פאַר איר סאָציאַל־פּאָליטישער פּראָגראַם, אַפילו ניט פאַר אירע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און פּלענער. זי האָט פּשוט זיך ניט אינטערעסירט מיט זיי. אַזאַ באַציִונג האָט זיך בײַ איר אויסגעאַרבעט, ווי מיר דוכט, איבער צוויי סיבות. ערשטנס — ווײַל זי האָט די ייִדן געהאַלטן פאַר אַ פאָלק מיט אַ דורכויס קליינהענדלערישער פּסיכאָלאָגיע, פאַר אָבערגלויביש און רעאַקציאָנער און האָט דעריבער ניט געגלייבט אין דער רעוואָלוציאָנערער קראַפט, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעם ייִדישן אַרבעטער; צווייטנס, איז זי געווען איבערצײַגט, אַז דער הויפּטפּונקט פון איר פּראָגראַם, די פאָדערונג פון אַן אומאָפּהענגיקן פּוילן, אַט דער עיקר־יסוד פון איר עקסיסטענץ, — איז די ייִדישע מאַסן פרעמד. פון דעם איז געקומען די איגנאָרירונג פון די ייִדישער אַרבעטער־אינטערעסן, די גײַסטיקע, מאַטעריעלע און פּאָליטישע. דער איינציקער ציל, וואָס זי האָט זיך געשטעלט בנוגע די ייִדישע אַרבעטער, איז געווען — צו מאַכן אומשעדלעך זייער אינדיפערענץ, אָדער זייער כלומרשטע אַקטיווע שנאה צו דער פּראָגראַם פון פפ"ס, זען, אַז זיי זאָלן איר ניט „שטערן". מיט דעם דערקלערט זיך די כאַראַקטעריסטישע פאָררעדע אין פײַגענבוימס בראָשורע „גן־עדן התחתון", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן לויט דער באַשטעלונג פון פפ"ס און אין איר גײַסט, און ווו מען קען געפינען אַ ניט פאַרמאַסקירטן סטראַשונעק, אַז אויב די ייִדן וועלן זיך ניט האַלטן נייטראַל אין קאַמף פון די פּוילישע רעוואָלוציאָנערן קעגן דער רוסישער רעגירונג, קענען נאָך די הערשנדיקע קלאַסן אײַנרעדן די אָרטיקע אַרבעטער צו מאַכן פּאָגראָמען אויף ייִדן...

און אפשר איז נאָך געווען אַ דריטע סיבה: די פפ"ס האָט געהאַט אַזוי פיל ריין נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן, אַז זי האָט זיך געטראַכט: עס איז פּראַקטישער צו פאַרמײַדן אַלץ, וואָס קען אַרויסרופן אַ חשד, אַז די פּאַרטיי איז „פאַרייִדישט"...

די ייִדישע גרופּע פון פפּ"ס, וואָס מיר האָבן וועגן איר פֿריער גערעדט, איז אייגנטלעך ניט געווען קיין פּאַרטיי־גרופּע אין פֿולן זינען פון וואָרט. אָרגאַניזאַציאָנעל איז זי גאָר ניט געווען פֿאַרבונדן מיט דער פּאַרטיי. די מענטשן, פון וועלכע זי איז באַשטאַנען, האָבן נאָר אין פּרינציפּ אָנגענומען איר פּראָגראַם—און דאָס אַלץ. קיין פֿאָרשטייער אין די פּאַרטיי־אינסטיטוציעס האָבן זיי ניט געהאַט; געהאַט האָבן זיי נאָר אַ פֿאַרמיטלער, אַ מין „סרסור", וואָס פֿלעגט זיך אָפּט ווענדן מיט בקשות צו דער פּאַרטיי וועגן די אינטערעסן און נויטן פון דער גרופּע. זײַן נאָמען איז געווען רוג, אַ באַנק־אָנגעשטעלטער, אַן אַסימילירטער ייִד, וואָס האָט זיך שפּעטער געשמדט. די גרופּע אַליין איז אָבער באַשטאַנען פון ריין פּראָלעטאַרישע עלעמענטן מיטן סטאָלאַר דעגענפּיש און דעם מעכאַניקער מאַנדלאַק בראָש.

זעענדיק דעם ערפֿאָלג פון אונדזער אַרבעט, האָט די דאָזיקע גרופּע אָנגעהויבן פֿאָדערן הילף פון דער פפּ"ס, דער עיקר—ייִדישע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור. און דאָ האָט זי באַגעגנט לחלוטין טויבע אויערן. ניט די פּאַרטיי האָט געקענט און ניט זי האָט געוואָלט באַפֿרידיקן די דאָזיקע פֿאָדערונגען. דער כּעס פון דער גרופּע קעגן פפּ"ס איז דעריבער געווען זייער שטאַרק. מיר זײַנען געוואַקסן—און זי איז געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פּונקט. און ניט זעענדיק קיין אויסוועג פון אַזאַ לאַגע, איז די גרופּע געקומען צו אונדז...

אין פּרינציפּ האָט זיך די גרופּע פון פפּ"ס ניט אָפּגעזאָגט. בעת מיר האָבן אויסגעאַרבעט די תּנאים פון אונדזער פֿאַראייניקונג, האָבן מיר איר איבערגעלאָזט דאָס רעכט צו פֿאַרטיידיקן די אידעע פון אומאָפּהענגיקן פּוילן אין אירע פּראָפּאַגאַנדע־גרופּעס, אָבער אַבסאָלוט נישט אין אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונגען, אין דער מאַסן־אַגיטאַציע, אָדער אין דער ליטעראַטור (אין יענער צײַט איז צווישן די דאָזיקע קאַטעגאָריעס געווען אַ וועזנטלעכער אונטערשייד). דאָס איז געווען דער איינציקער קאָמפּראָמיס, אויף וועלכן מיר זײַנען אײַנגעגאַנגען. און אפֿשר, אויב מען וויל, איז געווען נאָך אַ צווייטער קאָמפּראָמיס בנוגע דעם נאָמען פון דער פֿאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע. אונדזער פֿאָרשלאָג איז געווען: „דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בונד אין וואַרשע", זייער פֿאָרשלאָג: „דער ייִדישער סאָציאַליסטישער בונד אין פּוילן". בכדי צו פֿאַרמײַדן מיספֿאַרשטייענישן—מען זאָל ניט מיינען, אַז זייער אידעאָלאָגיע איז אידענטיש מיט דער אידעאָלאָגיע פון פּס"ד (פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן), און אונדזער—מיט דער אידעאָלאָגיע פון פפּ"ס, האָבן מיר אויסגעגלײַכט דעם סיכסוך און אָנגענומען דעם נאָמען: „ייִדישער אַרבעטער־בונד אין פּוילן", אַרויסלאָזנדיק די ווערטער „סאָציאַל־דעמאָקראַטישער" אָדער „סאָציאַליסטישער".

מיר זײַנען נאַטירלעך ניט געווען אַזוי נאַיִוו צו גלייבן, אַז אונדזער פֿאַרבינדונג אויף די אויבן דערמאָנטע תּנאים וועט זײַן אַ דויערנדיקע. מיר זײַנען שוין געווען אַ גענוג לאַנגע צײַט אין דער באַוועגונג צו פֿאַרשטיין, אַז מען קען ניט אָפּטיילן פּראָפּאַגאַנדע פון אַגיטאַציע, און אַז אַ קאָנפֿליקט וועט מוזן באַלד קומען און בטל מאַכן דעם אומנאָרמאַלן שידוך פון צוויי פֿאַרשיידענע ריכטונגען. אָבער אין אָנהייב איז די פֿאַרבינדונג געווען זייער וויכטיק פֿאַר אונדז, טאַקע מחמת דעם, וואָס די מיטגלידער פון דער פפּ"ס־גרופּע זײַנען געווען פּויליש־ייִדישע אַרבעטער און ניט פֿרעמדע, אָקאָרשט אָנגעקומענע. און ווי נאָר די באַוועגונג האָט אָנגענומען אַ מער קלאָרן כאַראַקטער און מען האָט געדאַרפֿט אַרויסטרעטן אין דער פּרעסע און אויף פֿאַרזאַמלונגען מיט קלאָרע דיבורים, וואָס זאָלן ניט איבערלאָזן קיין ספֿקות וועגן אונדזערע נאָענטסטע פּאָליטישע צילן, — האָט אונדזער פֿאַרבינדונג געמוזט פּלאַצן. און האָט טאַקע געפּלאַצט. אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אָנהייב 1897, וואָס האָט אויסגעקוקט כּמעט דראַמאַטיש, האָבן מיר אַרויסגעשטעלט אַן אולטימאַטום: אָדער זיי אָנערקענען אין איינעם מיט אונדז, אַז די נאָענטסטע אויפֿגאַבע אויפֿן פּאָליטישן געביט איז דער קאַמף פֿאַר אַלגעמיינער פּאָליטישער פֿרײַהייט

און גלײַכע בירגערלעכע רעכט און ניט פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן, אָדער מיר גייען זיך פֿונאַנדער. די פּפּ"סאָווצעס מיט רוגן בראש האָבן פֿאַרלאָזט די פֿאַרזאַמלונג. פּסחזאָנס גרופּע, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי און אונדז, איז געבליבן מיט אונדז, באַווײַזנדיק דערמיט, אַז זי איז געווען גרייט צו פֿאָלגן אונדזער טאַקטיק און אונדזער פּרינציפּיעלע פֿירערשאַפֿט. מיר זײַנען געבליבן זייער צופֿרידן מיט דעם דאָזיקן רעזולטאַט.

שפּעטער אַ ביסל האָט כמעט די גאַנצע גרופּע יידישע פּפּ"ס עמיגרירט קיין אַמעריקע. עס איז אַגבֿ כאַראַקטעריסטיש, אַז לעצטנס זײַנען אַלע וויכטיקסטע מיטגלידער פֿון אָט דער ערשטער גרופּע, איינער בײַ איינעם, אַריבער צו די קאָמוניסטן.

ווי האָט זיך די פּפּ"ס באַצויגן צו דער כּסדר וואַקסנדיקער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג? תּחילת האָט זי זיך געמאַכט ניט זעענדיק און האָט זי אין גאַנצן פֿאַרשוויגן. דערנאָך, ווען זי פֿלעגט שוין יאָ דערמאָנען, פֿלעגט זי דאָס טאָן מיט אַ האַלבן מויל און מאַכן צו קליינגעלט: עפּעס אַ פּאָר רוסיפֿיצירטע אינטעליגענטן און עטלעכע האַנטווערקער אין ווילנע, וואָס שפּילן ניט קיין שום פּאָליטישע ראָלע... דאָס רובֿ, ווען זי פֿלעגט געבן אין איר פּרעסע ידיעות פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, פֿלעגט זי אַרויסלאָזן דעם וואָרט „ייִד", אָדער „ייִדישע". אויף אַזאַ אופֿן, למשל, איז דער שטרײַק פֿון די לאָדזשער ייִדישע וועבער אַרויסגעקומען אַ שטרײַק פֿון „וועבער אין לאָדזש"; אַלע דעמאָנסטראַציעס אין וואַרשע, אין וועלכע ייִדישע אַרבעטער פֿלעגן נעמען אַזאַ גרויסן אָנטייל, פֿלעגן פֿאַרגעשטעלט ווערן ווי דעמאָנסטראַציעס נאָר פֿון אָנהענגער פֿון דער פּפּ"ס; פֿון דעם אָנפֿאַל פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין ווילנע אויף דער פּאָליציי בײַם באַפֿרײַען אַרעסטירטע אין „נײַ-שטאָט" (1900) איז געוואָרן אַ געשלעג צווישן קריסטלעכע אַרבעטער מיט דער פּאָליציי, הגם קיין איין איינציקער קריסטלעכער אַרבעטער האָט אין דעם קיין אָנטייל ניט גענומען. די דאָזיקע בכּיוון פֿאַרדרייטע ידיעות האָבן אַפֿילו באַוויזן ראָזע לוקסעמבורג אָפּצודרוקן אַ פּראָטעסט-אַרטיקל קעגן דער פּפּ"ס אין בערלינער „פֿאָרווערטס"...

די טאַקטיק פֿון פֿאַרשווײַגן אָדער פֿאַרקלענערן דעם ווערט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג האָט ניט געקענט געדויערן אייביק. אויך אין אַנדערע פּוילישע שטעט האָבן זיך געגרינדעט אונדזערע אָרגאַניזאַציעס. דערהויפּט האָט די גרינדונג פֿון „בונד", וואָס איז געווען אַזאַ ערשטקלאַסיקע געשעעניש אין דער אַלגעמיינער רוסלענדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, געצוווּנגען די פּפּ"ס אויפֿצודעקן אירע קאָרטן בנוגע אונדז. און עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן די שאַרפֿסטע אַטאַקעס און באַשולדיקונגען. איר פֿײַנדשאַפֿט צו אונדז האָט כמעט קיין גלײַכן ניט געהאַט אין דער געשיכטע פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די הויפּט-סיבה איז נאַטירלעך געווען אונדזער געגנערשאַפֿט צו איר הויפּט-פּראָגראַם און אונדזער אָפֿענע סימפּאַטיע פֿאַר די פּס"ד. — די פּפּ"סישע אָרגאַנען האָבן וועגן אונדז, למשל, געשריבן, אַז מיר זײַנען „רוסיפֿיקאַטאָרן", אַז מיר האַלטן פֿאַר אונדזער „הויפּטפֿליכט צו פֿאַרשפּרייטן די רוסישע רעגירונגס-שפּראַך צווישן די ייִדן אין פּוילן" („פּשעדסוויט"), אַז מיר זײַנען „מוראַוויאָווס דעם תּליונס יורשים", מיר זײַנען שונאים פֿונעם פּוילישן פֿאָלק און פֿון זײַנע הייליקע נאַציאָנאַלע אידעאַלן... אין אָט דער קאַמפּאַניע צו דיסקרעדיטירן אונדז אין די אויגן פֿון די פּוילישע אַרבעטער האָבן זיך מער פֿאַר אַלעמען אויסגעצייכנט יאַדקאָ און פּלאָכאָצקי (וואַסילעווסקי) אין „פּשעדסוויט". אחוץ דעם טעאָרעטישן קאַמף, האָט די פּפּ"ס אויך אָנגעהויבן אָנצווענדן „פּראַקטישע" מיטלען. די אַלטע גלײַכגילטיקייט צו דער אַרבעט צווישן דער ייִדישער מאַסע איז פֿאַרשוווּנדן; מיט אַלע כּוחות האָט זי געזוכט צו באַשאַפֿן אַן אייגענע ייִדישע אָרגאַניזאַציע און ייִדישע ליטעראַטור. אָבער אַלע אירע פּרוּוון אויף דעם געביט האָבן ניט געהאַט קיין ערפֿאָלג.

זי האָט דאָס אַליין געמוזט אָנערקענען. סוף 1899 האָט די פּפּ״ס אָפּגעדרוקט אַ באַריכט וועגן איר אַרבעט פאַר 5 יאָר און דאָרטן געפינען מיר אַ סך-הכל פון איר אַרבעט אויך צווישן ייִדן. און אָט וואָס אין דעם באַריכט ווערט געזאָגט:[10]

„די אַנטוויקלונג פון אונדזער אַגיטאַציע אין די שטעט האָט אונדז גענייט אויך צו באַשעפטיקן זיך מיט דער אַגיטאַציע צווישן ייִדישע אַרבעטער. די פּראַקטיק האָט אַרויסגעוויזן, אַז די ווירקונג פון דער פּוילישער ליטעראַטור אויף דער ייִדישער אַרבעטנ-דיקער מאַסע איז זייער אַ קליינע. פון דער אַנדער זײַט די שעדלעכע טעטיקייט פון די רוסישע ייִדן, וועלכע קומענדיק אין אונדזער לאַנד און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מען האָט זיי אַרויסגעשיקט פון רוסלאַנד, האָבן געוואָלט אַרײַנציען די פּוילישע ייִדן צו האַלטן זיך פאַר רוסלאַנד, האָט אַרויסגערופן אונדזער קעגן-אַרבעט. מיר האָבן זיך גענומען צו ווירקן קעגן יענע טענדענצן פון די רוסישע ייִדן, מיר האָבן זיך גענומען שטאַרקער צו מאַכן די אַחדות צווישן די ייִדישע און פּוילישע אַרבעטער און צו אַנט-וויקלען אין זיי בירגערלעכע (אָביוואַטעלסקע) געפילן צו דעם לאַנד, אין וועלכן זיי וווינען...

„בײַ אונדזערע באַדינגונגען איז ניט אַלע מאָל מיגלעך אַ גיכע באַפרידיקונג פון נײַע באַדערפעניש, און כאָטש אונדזער ווּנטש איז געווען גרויס — שטייט נאָך אונדזער אויסגאַבע-טעטיקייט אויף זשאַרגאָן ניט הויך. אין דעם שטערן אונדז אונדזערע קליינע געלטמיטלען און פריער פאַר אַלץ דאָס, וואָס מיר האָבן ניט קיין ליטעראַרישע קרעפטן צו שרײַבן אויף זשאַרגאָן...

„אין 1895 זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן 1203 עקזעמפּלאַרן אויפרופן, אין 1896 — 1614 עקז׳, אין 1897 — 1014 עקז׳, אין 1898 — 1936 און אין יאָר 1899 — 539 עקז׳.

„דער 4טער צוזאַמענפאָר פון פּפּ״ס האָט באַשטימט אַרויסצוגעבן אין אויסלאַנד אַן אַרבעטער-צײַטונג אין זשאַרגאָן. ניט אַזוי גיך האָט מען דאָס אויסגעפירט דערפאַר, ווײַל אין אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך ניט געפונען קיין אינטעליגענט אַ ייִד, וועלכער זאָל פאַרשטיין זשאַרגאָן. ענדלעך אין 1898 יאָר האָבן מיר די רעדאַקציע פון דער צײַטונג אָוועקגעגעבן אין די הענט פון אונדזערע ייִדישע חבֿרים פון וואַרשע. אָבער ביז איצט איז אַרויס נאָר איין נומער „אַרבייטער", וועלכער איז געווען פאַרשפּרייט אין 600 עקז׳...

ריידנדיק וועגן אונדזער אַרבעט צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, קענען מיר ניט אויסמײַדן צו דערמאָנען, אַז אַחוץ אונדז איז נאָך דאָ אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע טרעט אַרויס מיטן נאָמען „דער אַלגעמ׳ ייִדישער אַרב׳ בונד אין רוסלאַנד און פּוילן"... וואָס דער „בונד" איז אַזוי פײַנדלעך אַרויסגעטראָטן קעגן אונדז, קאָן מען דערקלערן מיט דעם, וואָס די ייִדישע אינטעליגענץ אונטער דער ווירקונג פון רוסישע שולביכער האָט זייער פאַלשע מיינונגען וועגן פּוילן און וועגן דער געשיכטע פון אונדזער לאַנד. ווײַטער ווירקט אויף דער אינטעליגענץ די ייִדישע בורזשואַזיע, וועלכע האָט איבער דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" אָנגעהויבן אַרויסצוווײַזן אירע באַזונדערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן...

„די פירער פון „בונד" מיט זייער קונץ אַלץ איבערצודרייען האָבן אויך איבערגע-דרייט אונדזערע מיינונגען וועגן „בונד". זיי סטאַרען זיך אײַנצורעדן די אַרבעטנדיקע ייִדישע מאַסע, אַז פּפּ״ס איז אַנטיסימימיש, אַז זי וויל שאַטן די ייִדן, אַז זי טוט גאָר-נישט פאַר דער אַגיטאַציע צווישן זיי און אַז״וו. ווי אַ בײַשפּיל פון דיזע אָנפאַלן אויף אונדז, וועלכע מען פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע ווינקלען און אויף פאַרזאַמלונגען, קען דינען די בראָשורע „מלחמה פון פּפּ״ס קעגן דעם אַלגעמ׳ ייִד׳ אַרב׳ בונד" (דיזער פּאַסקוויל איז אויך געווען אַרויסגעגעבן אויף רוסיש)"...

---

10 איך נעם דאָס ארויס פון מײַנעם אַן ארטיקל אין 10טן נומער „דער אידישער ארבעטער". די אָפּטײלונגען: „פון דער פּרעסע", „די גאַנצע וועלט" און „פון פּאַרטײ-לעבן" זײַנען געווען געשריבן פון מיר אין אַלע (אַחוץ די לעצטע פּאָר) נומערן פון „אידישן ארבעטער".

אין דער צײַט, ווען מיר האָבן פאַרפלייצט ליטע און פוילן מיט צענדלינגער און הונדערטער טויזנטער עקזעמפּלאַרן פון אויפרופן, צײַטונגען, בראָשורן, האָט די פפ"ס אין משך פון יענע 5 יאָר אַרויסגעגעבן איין נומער פון אַ צײַטונג, קיין איינציקע בראָשור ניט און נור 6 אויפרופן אין 6336 עקז׳...

* * *

וועגן דער פס"ד (סאָציאַל-דעמאָקר׳ פּאַרטיי אין פוילן) פון יענע יאָרן איז ניטאָ אַ סך וואָס צו זאָגן. זי האָט פּשוט ניט עקסיסטירט. ווען איך בין סוף 1893 אָדער 1894 געקומען קיין וואַרשע מיט אַ בריוו פון ראָזע לוקסעמבורג צו ראַטינבסקין—אַ זון פון אַן אייגנטימער פון אַ טייגעשעפט,—האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער, ראַטינסקי, איז געווען דער איין-איינציקער סאָציאַל-דעמאָקראַט אין וואַרשע. ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז קיין סאָצ׳-דעמ׳ אַרבעט האָט זיך ניט געפירט, אַז אַלץ איז געווען צעשטערט און עס איז קיין האָפענונג ניט געבליבן אין גיכן ווידער וואָס עס איז אויפצובויען. באַלד איז אַפילו דער דאָזיקער איינציקער סאָציאַל-דעמאָקראַט אויך פאַרשוווּנדן. מען האָט אים אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר, ווו ער איז געוואָרן אַ פפ"סניק. אמת, אין אויס-לאַנד האָט ר. לוקסעמבורג צוזאַמען מיט טישקאָ (יאָגיכעס, גראָזאָווסקי), מאַרכלעווסקי און דעם אַרבעטער גוט אַרויסגעגעבן אַ צײַטונג „ספּראַוואַ ראָבאָטניטשאַ" און אַ געוויסע צאָל פּאָפּולערע בראָשורן—כּמעט אַלץ אָנגעשריבן פון ר. לוקסעמבורג אונטער פאַרשיידענע נעמען: מאַציעי רוזגאַ, ר. קרושינסקאַ, אָבער אין פוילן האָט מען די דאָזיקע ליטעראַטור ניט געקענט געפינען מיט ליכט: זי פלעגט פאַרבלײַבן ליגן אין אויסלאַנד. עס איז געווען אַ פּאַרטיי אָן פאַרבינדונגען מיט פוילן און אָן אַ טראַנספּאָרט. פונדעסטוועגן פלעגט ר. לוקסעמבורגס גרופּע שטענדיק ריידן אין נאָמען פון אָט דער ניט-עקסיסטירנדיקער פיקטיווער סאָצ׳-דעמ׳ פּאַרטיי אין פוילן. אַפילו די קאָרעספּאָנדענצן אין „ספּראַוואַ ראָבאָטניטשאַ" זײַנען געווען פיקטיווע, אָנגעשריבן אין אויסלאַנד. איין מאָל, ווען איך בין געקומען פון ווילנע און וואַרשע קיין ציריך און איך האָב זיך געזען מיט ראָזע לוקסעמבורג, האָב איך איר דערציילט אַ ביסל נײַס פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין יענע שטעט. ווי גרויס איז אָבער געווען מײַן פאַרוווּנדערונג, ווען אין דעם נאָענטסטן נומער פון „ספּראַוואַ ראָבאָטניטשאַ" האָב איך איבערגעלייענט אָט די נײַסן וואָרט בײַ וואָרט אין צוויי „קאָרעספּאָנדענציעס" — איינע פון ווילנע און די אַנדערע פון וואַרשע. אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז דערבײַ ניט דערמאָנט געוואָרן אַפילו, אַז עס רעדט זיך וועגן געשעענישן אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן אין 1896 האָט ראָזע לוקסעמבורג פּשוט זיך געבעטן בײַ מיר אויסצווווירקן, אַז זי זאָל קריגן אַ מאַנדאַט פון וואַרשע. זי און אויך גראָזאָווסקי-יאָגיכעס האָבן מיט ביטער-ניש קריטיקירט אונדזער באַשלוס צו געבן דעם מאַנדאַט דער „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" (פלעכאַנאָוו, וועראַ זאַסוליטש, פּ. אַקסעלראָד) און אָנגעוויזן דערבײַ, אַז אַ מאַנדאַט פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט צו אַ רוסישער גרופּע וועט זײַן נאָר וואַסער אויף די מילן פון פפ"ס.

אונדזער אָפּגעריסנקייט און אָפּגעזונדערטקייט פון דער פּוילישער אַרבעטער-באַוועגונג האָט אונדז אַ סך געשעדיקט און שרעקלעך געדריקט. גראָד מיר, וואָס האָבן אַלע מאָל געפּרעדיקט דעם געמיינזאַמען קאַמף פון אַרבעטער פון אַלע נאַציעס אין רוסלאַנד קעגן צאַריזם פאַר פּאָליטישער פרײַהייט און סאָציאַליזם, פלעגן ניט ווילנדיק אַזוי אָפּט בלײַבן אַליין, אָן פאַרבינדעטע. די פּראָגראַם פון פס"ד האָט שטאַרק אַפּעלירט צו די יידישע אַרבעטער. אין גרונד איז פס"ד געווען אונדזער נאַטירלעכסטער פּאָליטי-שער און פּרינציפּיעלער שותּף אינעם קאַמף. אָבער ווו נעמט מען זיי, די פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן? און מיר פלעגן זיך אָנכאַפּן פאַר יעדן צייכן פון סאָצ׳-דעמאָקראַטישער

אַרבעט, זײַענדיק גרייט צו קומען זיי צו הילף. צו אונדזער גרויסן פאַרדראָס אָבער פלעגן מיר אַפילו ניט קענען קריגן די פוילישע סאָצ׳-דעמ׳ ליטעראַטור, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אויסלאַנד. גראָזאָווסקי האָט מסכים געווען צו געבן ליטעראַטור נאָר אונטער איין תּנאַי: איך זאָל אים פאַרטרויען די טעכניק פון טראַנספּאָרט און שאַפן פאַרבינדונגען אין פוילן... מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, האָב איך אין נאָמען פון צענטראַל-קאָמיטעט פון „בונד״ „אויסגעקלאַטשעט״ אַ היפּש ביסל ליטעראַטור — נאָך דעם ווי לוקסעמבורג האָט זיך אַרײַנגעמישט און אײַנגערעדט גראָזאָווסקין צו באַפרידיקן דעם בונדס בקשה.

אַרום 1896 — אָדער סוף 1895 — איז אויפגעקומען אין וואַרשע אַן אינטעליגענטישע סאָצ׳-דעמ׳ גרופּע, וואָס האָט זיך דאָס רובֿ רעקרוטירט פון סטודענטן. צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער גרופּע בין איך אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן. איך האָב דאָרטן געפונען אַן 8–10 מענטשן, צווישן זיי קאָשוטסקין, דעם שפּעטערדיקן מחבר פון בוך „ראָזוווי קאַפּיטאַליזמו וו פּאָלסצע״ (די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין פוילן), די לערערין יאַהאָלקאָווסקאַ, דעם סטודענט קאָזלאָווסקי און נאָך אַנדערע, וואָס זייערע נעמען געדענק איך איצט ניט. קיין איינציקער ייִד איז ניט געווען צווישן זיי. שפּעטער האָב איך פאַרבונדן מיט דער גרופּע דעם סטודענט עטינגער (נאָך דער רעוואָלוציע געווען אַ פּראָפעסאָר אין דער „ווּשעכניצאַ״ אין וואַרשע; דאָ ניט לאַנג געשטאָרבן). די גרופּע האָט זיך קיין מאָל ניט אַנטוויקלט צו אַן אָרגאַניזאַציע מיט וואָסער ניט איז געזעלשאַפטלעכער באַדײַטונג. זי האָט זיך פאַרקאָנספּירירט, קיין באַרירונג מיט אַרבעטער ניט געזוכט און אַפילו מיט לוקסעמבורג-גראָזאָווסקין נישט געוואָלט אָנקניפּן קיין פאַרבינדונגען. ווען איך האָב אין 1896 באַקומען אַ פוילישע סאָצ׳-דעמ׳ מאַי-פּראָקלאַמאַציע, האָט די גרופּע גענומען בײַ מיר ניט מער ווי אַ פּאָר טוץ עקזעמפּלאַרן און פאַרשפּרייט האָט זי דאָס ניט צווישן פוילישע אַרבעטער, נאָר אין אַ סטודענטישן רעסטאָראַן. די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציע האָט געבראַכט—אין אַ געוויסן גראַד אונטער מײַן השפּעה—דער ווילנער ליטוויש-פוילישער סאָצ׳-דעמאָקראַט מאָראַווסקי („קאָטשאַן״), וועלכער איז ספּעציעל צוליב דעם געקומען פון ווילנע קיין וואַרשע. זי איז אָנגעשריבן געוואָרן פון מאַרכלעווסקין, געדרוקט אין אויסלאַנד און מאָראַווסקי האָט זי אריבערגעשמוגלט איבערן גרענעץ אין אַ צווייטעקיקן טשעמאָדאַן. עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן האָב איך איבערגענומען און זיי זײַנען פאַרשפּרייט געוואָרן פון אונדזערע אַרבעטער; די איבעריקע האָט ער אַוועקגעפירט קיין ווילנע. אָט דער מאָראַווסקי איז איצט אַ ליטווישער נאַציאָנאַליסט, אַ פּראָפעסאָר אין קאָוונער אוניווערסיטעט.

אַרום 1897 הייבן זיך אָן באַווײַזן אין וואַרשע נײַע פּיאָנערן פון די פּס״ד. דער ערשטער איז געווען דער ווילנער טרוסיעוויטש און נאָך אים – פעליקס דזיערזשינסקי. דזיערזשינסקי איז געקומען אַן אומדערפאַרענער, מיט נאַיווע פּלענער, מיט קינדערשע געדאַנקען. די שוועריקייטן פון פּיאָנערן-אַרבעט האָט אים אַ ביסל צעטומלט און ער האָט געטענהט, אַז עס איז כּמעט אוממיגלעך צו געפינען אַ וועג צו די הערצער פון די פוילישע אַרבעטער – סײַדן דורך אַגיטאַציע אויפן באָדן פון... קריסטנטום, אויפווײַזן זיי, אַז סאָציאַליזם איז דאָס אמתע קריסטנטום. מילא, פון דער פאַנטאַזיע האָט ער זיך אין זייער אַ קורצער צײַט אויסגעהיילט. צום סוף פון די 90ער יאָרן איז די פוילישע סאָצ׳-דעמ׳ באַוועגונג שוין געווען זייער שטאַרק. מיט טרוסיעוויטשעס און דער עיקר דזיערזשינסקיס קומען האָט זיך אויך די באַציִונג צו ראָזע לוקסעמבורג אַ סך געענדערט, און זי איז געוואָרן די אָנערקענטע טעאָרעטישע פירערין פון פּס״ד.

אָבער וואָס שטאַרקער די פּס״ד איז געוואָרן און וואָס מער איר השפּעה איז געוואַקסן, אַלץ ערגער זײַנען געוואָרן די באַציִונגען צווישן איר און דעם „בונד״. די הויפּט-סיבה דערפון איז געווען די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם און די אַנדערע אָרגאַניזירפּרינציפּן פון „בונד״. אָבער דאָס געהער שוין ניט צו אונדזער טעמע.

* *
*

די שוואַכע זײַט פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר האָבן לחלוטין ניט געהאַט קיין אינטעליגענטע כּוחות, ניט אָרטיקע און ניט אָנגעקומענע. יעדע קאָנספּיראַטיווע, יעדע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע אין צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך געניייטיקט אין אַ פּערי־פּעריע פֿון אינטעליגענטן, ניט נאָר צוליב מאַטעריעלער הילף, נאָר דער עיקר צוליב טעכניש-קאָנספּיראַטיווע צוועקן. אין וואַרשע האָבן מיר ניט געקאָנט קריגן אַ יידישן אינטעליגענט אַפֿילו אויף אַ רפֿואה. אמת, אַרום 1896 האָבן זיך באַוויזן איינצלנע אינטעליגענטן און אינטעליגענטקעס פֿון דרום-רוסלאַנד, אָבער קיין גרויסע פֿרייד האָבן זיי אונדז ניט פֿאַרשאַפֿט. זייער אַרבעט האָט געפֿעלט זאַלץ און פֿעפֿער; אויף קאָנספּיראַטיווער אַרבעט האָבן זיי אין גאַנצן ניט געטויגט. איינצלנע פּערזאָנען פֿון דער פּויליש-יידישער אינטעליגענץ האָבן יאָ געפּרוווט זיך דערנענטערן צו אונדז, אָבער דאָס רובֿ האָבן זיך די פּרווון אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. איינער פֿון זיי איז געווען דער אויבן דערמאָנטער עטינגער און אויך פֿירסטענבערג (גאַנעצקי), וועלכער האָט שפּעטער געשפּילט אַ גאַנץ אָנגעזעענע ראָלע בײַ דער באָלשעוויסטישער מאַכט (אַ לאַנגע צײַט געווען סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין לעטלאַנד). אים און זיין שוועסטער האָב איך געגעבן איבערצוזעצן דעם אויפֿרוף פון צענטראַל-קאָמיטעט פֿון „בונד“ צו דער יידישער אינטעליגענץ: „אָדעזוואַ דאָ אינטעליגענציי זשידאָווסקיי“, וואָס איז אָנגעשריבן געווען פֿון פּ. ראָזענטאַל. פֿירסטענבערג איז געווען אַזוי נאַיִוו, אַז ער האָט געוואָלט אַפֿילו זײַן פֿאָטער — אַן אייגנטימער פֿון אַ ברויז אין וואַרשע — פֿאַראינטערעסירן מיטן „בונד“, און צו דעם צוועק האָט ער מיך צוזאַמענגעבראַכט מיט אים אין קראָקע, אָבער נאָך אַ שמועס פֿון אַ פּאָר מינוט האָב איך אײַנגעזען, אַז עס איז געווען ניט גרינגער צו מאַכן פֿון אים אַ סאָציאַליסט, ווי פֿון מיר אַ קאַטוילישן גלח.

ווי מאָדנע דאָס זאָל אין פֿלוג ניט קלינגען, האָב איך פֿאַר אונדזער אַרבעט גרויסע הילף פֿון טעכניש-קאָנספּיראַטיוון כאַראַקטער געקראָגן ניט פֿון יידן, נאָר דווקא פֿון פּאָלאַקן. פֿאַר אונדזער אומלעגאַלער ליטעראַטור האָבן מיר זיך געניייטיקט אין ספּעציעלע מענטשן און אין פּאַסיקע קאָנספּיראַטיווע דירות. נאַטירלעך, אויב עס וואָלט קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען, וואָלטן מיר געמוזט אײַנאָרדענען אַ קאָנספּיראַטיווע דירה מיט עמעצן פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע. אָבער קיינער פון די, אויף וועמענס „קאָנספּיראַציע“ מען וואָלט זיך געקענט פֿאַרלאָזן, איז ניט געווען באַגײַסטערט פֿון געדאַנק צו פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַ לעבעדיקן מת, ווערן אָפּגעריסן פֿון אַלעמען און פֿון אַלץ, פֿון חבֿרים, פֿרײַנד און באַקאַנטע, אויפֿהערן צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער באַוועגונג. איך פֿלעג קריגן אַ סך ליטעראַטור, פריער פֿון ווילנע, נאָכדעם — ווען דער „בונד“ האָט זיך געגרינדעט — פֿון מינסק, ווו עס האָט זיך באַזעצט דער צענטראַלער קאָמיטעט, און דער עיקר פֿון אויסלאַנד. עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז איך פֿלעג קריגן פֿון אויסלאַנד צוויי-דעקיקע וואַליזעס יעדע וואָך, אַמאָל נאָך אָפֿטער. דער גרעסטער טייל פֿון דער ליטעראַטור איז גאָרניט געווען באַשטימט פֿאַר אונדז, נאָר פֿאַר אַנדערע שטעט פֿון „תּחום“ און פֿאַר רוסלאַנד. הײַנט גיי געפֿין אַן אָרט, ווו צו האַלטן דאָס, איבערצופּאַקן און פֿונדאַנען פֿונאַנדערשיקן! ניט ווייניק קאָפּווייטאָג האָט דאָס מיר פֿאַרשאַפֿט. און דאָ געפֿין איך צווישן די פּאָלאַקן אַ העלפֿנדיקע האַנט — בײַ מענטשן, וואָס האָבן אַפֿילו ניט געקענט לייענען דאָס, וואָס זיי פֿלעגן בײַ דער גרעסטער סכּנה באַהאַלטן פֿאַר מיר. קודם כּל דאַרף איך דאָ דערמאָנען מאַרכלעווסקיס מוטער. מאַרכלעווסקי איז דער באַוווסטער שרײַבער און פֿירער פֿון פּס"ד, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ קאָמוניסט און וואָס איז צוזאַמען מיט דזיערזשינסקין און פֿעליקס קאָן געווען באַשטימט אַלס קאָמיסאַר פֿאַר פּוילן אין צײַט פֿון דער סאָוועטיש-פּוילישער מלחמה 1920. בעת מיר זײַנען געווען אין דער עמי-גראַציע, אין ציריך, האָט ער מיר אין 1895 געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע-בריוו צו זײַנע קרובֿים אין וואַרשע, וועלכע האָבן מיר אין אַ גוזמא פֿאַלן אַזוי פֿיל נוצן געבראַכט אין

מײַן סאָציאַליסטישער טעטיקייט. דורך זיי האָב איך געמאַכט אַ סך וויכטיקע באַקאַנטשאַפֿטן צווישן דער פּוילישער אינטעליגענץ — זייער הויז איז געווען אָפֿן פֿאַר אַלע „ראַדיקאַלן" פֿון וואַרשע. בײַ זיי האָב איך זיך באַקאַנט מיט פּויזנערן (דעם שפּעטערדיקן פּפּ"סישן סענאַטאָר), קאַשוטסקין, יאַהאָלקאָווסקא, מיט דעם באַקאַנטן פֿירער פֿון דעם „זוויאָנזעק" ביין, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פֿון דער פֿאַרשיקונג אין אַרכאַנגעלסק, אויך מיט אַ סך סטודענטן און יוגנט בכלל. בײַ זיי האָט געהערשט אַ פֿרײַנדלעכע און האַרציקע אַטמאָספֿער, און יעדערער פֿלעגט זיך פֿילן ווי בײַ זיך אין דער היים. אָבער מער פֿאַר אַלץ האָט מען דאָ געהאַלטן אין פֿירן דיסקוסיעס, אייביקע דיסקוסיעס, און אַ חידוש — וועגן פּס"ד האָט מען דערבײַ ווייניק גערעדט, הגם מאַרכלעווסקי איז געווען איינער פֿון אירע גרינדער און פֿירער: ריידן וועגן פּס"ד וואָלט געהייסן אויך דערמאָנען ראָזע לוקסעמבורג, אָבער איר נאָמען איז אין יענע יאָרן געווען אַזוי פֿאַרשוואַרצט אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון פּפּ"ס, אַז אַפֿילו ד ע ר מ אָ נ ע ן זי איז געווען טרייף. איך בין געווען אונטער דעם אײַנדרוק, אַז אַפֿילו דאָס הויז פֿון מאַרכלעווסקיס עלטערן איז ניט געווען קיין אויסנאָם אין דעם פּרט... דאָס איז געווען אַ מין היפּנאָז — אָט די דאָזיקע שינאה צו לוקסעמבורג אין יענע יאָרן.

מאַרכלעווסקיס פֿאָטער, אויך זײַן ייִנגערער ברודער, אַ גימנאַזיסט, און זײַן ייִנגערע שוועסטער, אַ מאָדיסטין, פֿלעגן קיינמאָל זיך ניט אַרײַנמישן אין די דעבאַטן, נאָר אויפֿמערקזאַם צוהערן. זײַן עלטערע שוועסטער, מאַרטאַ — אַ לערערין, איז שוין גאָרניט געווען קיין פּאַסיווע צוהערערין; צוויי מאָל איז זי געווען אַרעסטירט און געזעסן חדשים-לאַנג אין תּפֿיסות פֿאַר אַקטיווער באַטייליקונג אין פּאָליטישן „רויטן קרייץ". מער אויסגעטיילט פֿון אַלעמען האָט זיך מאַרכלעווסקיס מוטער. פֿאַר יעדערן האָט זי געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ שמייכל. אויסגעקוקט האָט זי ענערגיש, פֿול מיט לעבן, הגם זי איז שוין געווען אַן אַלטע פֿרוי. אָט זי, די מוטער, פֿלעגט דאָס איבערנעמען פֿון מיר די אומלעגאַלע ליטעראַטור, באַהאַלטן, ברענגען, אַז איך פֿלעג זיך נייטיקן אין איר, און ווי אָפֿט איך זאָל זי ניט האָבן מטריח געווען, האָב איך קיין מאָל ניט באַמערקט, אַז זי זאָל מאַכן אַן אומצופֿרידענע מינע.

אויך געדענק איך זייער גוט איינע כאָדעצקאַ, די פֿרוי פֿון אַ רײַכן, קאָנסערוואַטיוו געשטימטן דאָקטאָר, וועלכער פֿלעגט אייביק זײַן אויף רײַזעס. בײַ איר פֿלעג איך איבערלאָזן דאָס רובֿ ניט אויפֿגעשניטענע „טשעמאָדאַנעס". די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו דער ליטעראַטור, פֿלעגן אָבער האָבן איין טענה צו מיר: פֿאַר וואָס אַלץ ייִדישע און רוסישע ליטעראַטור און קיינמאָל ניט קיין פּוילישע? אַ באַרעכטיקטע טענה. פֿלעג איך זיך פֿאַרענטפֿערן: — פּפּ"ס האָט אַן אייגענעם טראַנספּאָרט און באַזאָרגט אַליין איר טעריטאָריע מיט פּוילישער ליטעראַטור; וועגן פּס"ד פֿלעג איך אָדער שווײַגן, אָדער ווי ניט איז זיך אַרויסדרייען פֿון אַ קלאָרער תּשובֿה. האָב איך דען געקאָנט אויסזאָגן דעם אמת, אַז גראָזאָווסקי וויל ניט געבן?

מחמת אָט דער לאַגע מיט דער פּוילישער ליטעראַטור האָב איך ניט ווילנדיק, אומדירעקט, געמאַכט אַ פּאָר מענטשן פֿאַר פּפּ"סאָווצעס. אָט צום בײַשפּיל, איינעם אַ גימנאַזיסט פֿלעג איך רעגולער געבן לייענען דעם פּפּ"סישן „פּשעדסוויט", ווײַל קיין אַנדער ליטעראַטור אין פּויליש האָב איך ניט געהאַט; פֿלעגט ער דאָס ממש אײַנשלינגען. און שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ סטודענט אין פּאַריז, איז ער צוגעשטאַנען צו פּילסודסקין — און איצט איז ער דער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר אין פֿינלאַנד; זײַן נאָמען איז מיכאַס סאָקאָלניצקי.

אויך האָט מען מיך צונויפֿגעבראַכט מיט קולטשיצקיס מוטער און שוועסטער (לודוויק קולטשיצקי — דער אַמאָליקער „פּראָלעטאַריאַטשיק" און איצטיקער „כאַדעק"). ווען איך האָב זיי באַזוכט, זײַנען די צוויי פֿרויען געווען אין אַזאַ פּחד, אַז איך האָב רחמנות געקראָגן אויף זיי און בין מער צו זיי ניט געקומען.

* * *

די גרינדונג פון „בונד" האָט אומגעהײַער סטימולירט און אויך סטאַביליזירט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, הן אין וואַרשע, הן אין די אַנדערע שטעט פון פוילן. מיר האָבן דערפילט מער זיכערקייט אין זיך, דער באַדן אונטער אונדז איז געוואָרן עפּעס פעסטער, דער גלויבן אין אונדזערע כּוחות אַ סך שטאַרקער. די גײַסטיקע באַדערפענישן אין דער באַוועגונג האָט מען אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש צו באַפרידיקן, און די פּאַר־שפּרייטונג פון פּראָקלאַמאַציעס, בראָשורן און צײַטונגען איז געוואָרן אַ געוויינטלעכע דערשײַנונג — גאָר אַנדערש ווי פריער. מחמת דעם גרויסן פאַרנעם פון דער אַרבעט, איר קאָמפּליצירטקייט און פאַרצווײַגטקייט איז דער קאָמיטעט געצוווּנגען געווען אָפּצוהאַלטן זײַנע זיצונגען ניט נאָר יעדע וואָך, נאָר אָפט צוויי מאָל און אַפילו דרײַ מאָל אַ וואָך, אויסער דעם—אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען אָן אַ שיעור.

איך וויל דאָ בײַ דער געלעגנהייט קאָרעגירן די אומפּינקטלעכקייט פון מיכאַלעוויטשעס באַהויפּטונג אין זײַנע „זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט", ווו ער זאָגט וועגן מיר: „... ער האָט נישט געקענט זיך באַגעגענען דירעקט מיט די אַרבעטער, ער וואָלט אַליין דורכגעפאַלן און וואָלט די לעצטע אויך „פאַרשאָטן". ער פלעגט זיך נאָר טרעפן מיט די מיטגלידער פון קאָמיטעט און דאָס אויך זייער פאָרזיכטיק... זײַן ווירונג פלעגן מיר באַזוכן נאָר איינציקע מענטשן און דאָס אויך אין אויסנאַמפאַלן"... געוויס בין איך געווען קאָנספּיראַטיוו, פונדעסטוועגן איז די מעשה געווען נישט אין גאַנצן אַזוי, ווי מיכאַלעוויטש האָט זי פאָרגעשטעלט. די גרויסע צאָל זיצונגען פון צענטער האָב איך קיין איינציק מאָל נישט פאַרפעלט. איך בין אין ספק, צי די זיצונגען וואָלטן איבערהויפּט פאָרגעקומען אָן מײַן בײַזײַן; נישט ווײַל דער קאָמיטעט וואָלט אָן מיר זיך קיין עצה ניט געגעבן, נאָר מחמת אַלע פאַרבינדונגען מיטן צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד" און מיט אַנדערע בונדישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען געווען אין מײַנע הענט; די נייטיקע ליטעראַטור פלעגט גיין דורך מיר, די אָרטיקע אויפרופן פלעג איך שרײַבן. און דאָס אַלץ: די פּאַרטיי־דירעקטיוון און נײַסן, די ליטעראַטור, די אויפרופן פלעגן דאָך זײַן די הויפּט־טעמעס פון די פאַרהאַנדלונגען אין קאָמיטעט. אויך אין אַלגעמיינע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען פלעג איך אָפט נעמען אַן אָנטייל — מיט איין אויסנאַם: די מאַי־פאַרזאַמלונגען. עס איז געווען דער באַשלוס פון קאָמיטעט, אַז איך זאָל צו זיי צוליב קאָנספּיראַטיווע צוועקן נישט קומען. מיכאַלעוויטש האָט אין יענער צײַט נישט געלעבט אין וואַרשע, אַחוץ זייער אַ קורצע צײַט אין 1897, און ער האָט נישט געקענט וויסן אַלע פּרטים. צוויי מאָל איז ער געקומען צו מיר פון בריסק נאָך ליטעראַטור—און דאָס אַלץ.

מיט די גרויסע אַרעסטן אין „בונד" אין יולי 1898, וואָס זובאַטאָוו האָט דורכגעפירט, ענדיקט זיך דער וואַרשעווער פעריאָד פון מײַן סאָציאַליסטישער טעטיקייט. דורך אַ צופאַל און אַ טעות פון געהילף פון וואַרשעווער פּאָליצמײַסטער האָט מען מיר אַרויסגעגעבן אַן אויסלענדישן פּאַס אַ טאָג אָדער צוויי פאַר די אַרעסטן.

נאָך אין יוני האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין אויסלאַנד אויף אַ פּאָר חדשים. האָב איך פּראָיעקטירט צו פאַרבינדן „אָנגענעמס מיט נוצלעכס": אויסצונוצן מײַן אויפהאַלט אין אויסלאַנד כּדי אַוועקצושטעלן אין זשענעווע אַ בונדישע דרוקערײַ, אין וועלכער מיר האָבן זיך אַזוי געניייטיקט. די געהיימע דרוקערײַ אין באָברויסק איז געווען זייער פּראָדוקטיוו, זייער אַרבעטספעציק, אָבער נאַטירלעך ניט צו דרוקן אַזעלכע זאַכן, ווי דער „אידישער אַרבייטער" און גרעסערע בראָשורן. די פריערדיקע עקספּערימענטן מיטן דרוקן אין אויסלאַנד זײַנען אָבער געווען זייער ניט קיין גראָטענע און מער ווי אַנטוישונג, פאַרדראָס און אומצופרידנקייט האָבן זיי ניט געבראַכט. האָב איך באַשלאָסן פאַר מײַן אָפּפאָרן זיך צו זען מיט אַלעקסאַנדערן (קרעמער) און וולאַדימירן (קאָסאָווסקי) און צו דעם צוועק בין איך צוגעפאָרן קיין מינסק. ביידע האָבן אויפגעוויזן אויף אַלערליי

שוועריקייטן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט מיין פּלאַן, אָבער מיין ענטפער איז געווען: „געלט וועל איך קריגן, דאָס איבעריקע לאָמיר פּרוּוון". קיין ענדגילטיקער באַשלוס איז ניט אָנגענומען געוואָרן.

איך האָב גלייך אָנגעהויבן משתדל זיין זיך וועגן אַ פּאַס, אָבער — ניט אַזוי גיך מאַכט זיך, ווי עס רעדט זיך. אין די פריערדיקע יאָרן פלעגט מען מיר אַרויסגעבן אַן אויסלענדישן פּאַס אין משך פון 2—3 טעג. איצט האָב איך אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון פּאַספּאָרט-ביוראָ און פון דעם פּאָליצמייסטערס קאַנצעלאַריע, אָבער אונטער פאַרשיידענע תּירוצים פלעגט מען מיר אָפּלייגן פון איין וואָך אויף אַ צווייטער. עטלעכע וואָכן זיינען אַזוי פאַרביי. דאָס אַלץ האָט אויסגעקוקט זייער פאַרדעכטיק, נאָך מער דערפאַר, וואָס איך האָב שוין געוווּסט, אַז מען שפּיאָנירט מיר נאָך. עס איז געווען קלאָר, אַז דער פּאָליצמייסטער וויל איבער ספּעציעלע מאָטיוון מיר ניט אַרויסגעבן קיין פּאַס. איין מאָל האָט געטראָפן, אַז עמעצער פון דעם צאַרס פאַמיליע האָט געדאַרפט דורכפאָרן וואַרשע, און דער פּאָליצמייסטער, ווי דאָס איז געווען דער מנהג, האָט געמוזט אָפּוואַרטן אויף דער באַן-סטאַציע. און גראָד דעם טאָג בין איך ווידער געגאַנגען זיך קלאָגן צום פּאָליצמייסטער. אָבער אָנשטאָט אים האָב איך געפונען זיין געהילף, וועלכער האָט נאָך אַ קורצער וואַקלעניש אונטערגעשריבן די דערלויבעניש אַרויסצוגעבן מיר דעם פּאַס. דאָס איז געווען 10 אַזייגער אין דער פרי — און אַרום 12 בין איך שוין געזעסן אין צוג, וואָס האָט מיך געפירט אין דער ריכטונג קיין עסטרייך.

ווען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער — דעם 26 יולי 1898 — זיינען פאָרגעקומען די אַרעסטן און רעוויזיעס אין גאַנצן ראַיאָן פון „בונד" און אויך מיין וווינונג האָט געהאַט דעם וויזיט פון זובאַטאָווס שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען, בין איך שוין געווען אין ווין.

און עס הייבט זיך אָן אַ נייַ קאַפּיטל אין מיין לעבן: די גרינדונג פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד" און מיין אַרבעט אין אים פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקסיסטענץ (1898—1917).

# בילדונג און סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע ביי יידישע בעלי־מלאָכות אין די ליטווישע שטעט

מיר ברענגען דאָ אַן אַרטיקל פון אַב. קאַהאַן, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1897, אויפן סמך פון זיין אויספירלעכן אינטערוויו מיט א. וואַלטן (א. ליעסין) וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד, אויף מאָרגן נאָך ליעסינס קומען פון מינסק קיין אַמעריקע. דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין דעם „זונטאָג־פאָרווערטס" (דעם 5טן יולי 1897), וואָס פלעגט דעמאָלט אַרויסגיין אין דער פאָרם פון אַ זשורנאַל־העפט, און איז איצט אַ יקר־המציאות. דער אַרטיקל איז פון אַב. קאַהאַנען געחתמעט. קאַהאַן].

די „נאַציאָנאַליסטן־סאָציאַליסטן", וואָס וועגן זיי ווערט גערעדט אין דעם אַרטיקל, איז די דעמאָלטיקע אַזוי גער' „מינסקער אָפּאָזיציע", וואָס ליעסין האָט זי אָנגעפירט, הגם ער איז אויך געשטאַנען אויפן אינטערנאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט. „דער קאַמף פון אַן אביון קעגן אַ דלפון", וואָס ווערט דערמאָנט, איז דער אַרויסטריט פון דער „מינסקער אָפּאָזיציע" קעגן דעם איבערגעטריבענעם „עקאָנאָמיזם", דאָס מיינט קעגן דער טענדענץ פון אַ טייל סאָציאַליסטן צו פירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף אויפן באָדן פון די טאָג־טעגלעכע אַרבעטער־אינטערעסן אָן אַ שאַרפער פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע. א. ליעסין האָט דאָס באַרירט נאָר פאַרבייגייענדיק, אָפּגעהיט אין ווערטער, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז געקומען אין אַ פרייען לאַנד, טאָר ער שוין מער ניט אַטאַקירן אָדער אויסלאַכן זיינע געגנער, וואָס זיינען פאַרבליבן אין צאַרישן רוסלאַנד.

מיר דרוקן דעם אַרטיקל אַזוי ווי ער האָט דעמאָלט דערשינען, געענדערט נאָר די אָרטאָגראַפיע.

ר ע ד אַ ק צ י ע

אַ צימלעך שטאַרקע באַוועגונג לאָזט זיך איצט באַמערקן צווישן די יונגע יידישע בעלי־מלאָכות פון די ליטווישע שטעט. דער יידישער אַרבעטער, וועלכער פלעגט פריער פאַרברענגען דעם שבת לערנענדיק חיי־אָדם אין אַ קלייזל, אָדער טאַנצנדיק מיט אַרבעטס־מיידלעך אין אַ טאַנצקלאַסל, האָט די לעצטע צייט זיך עפּעס געגעבן אַ קער אָן אַ זייט.

צווישן די יונגע יידישע בעלי־מלאָכות האָבן געגומען צירקולירן פאַרשיידענע פרייערע און פיינערע געדאַנקען. דער חיי־אָדם האָט זיי אויפגעהערט צופרידן צו שטעלן; זיי האָבן געגומען זיך נייטיקן אין אַ העכערן סאָרט פאַרגעניגן ווי טאַנצן. זיי האָבן געגומען זיך נייטיקן אין בילדונג, אין אַנטוויקלען זיך.

לאָמיר צוערשט פאָרשטעלן, וואָס עס קומט פאָר אין אַ געוויסער מיטלמעסיקער ליטווישער גובערניע־שטאָט. העכער ווי 400 יונגע יידישע בעלי־מלאָכות באַלאַנגען צו גרופּעס אָדער „קרוזשקי". אויסער דעם באַלאַנגען זיי צו זאָגענאַנטע קאַסעס. דאָס הייסט אייגנטלעך אַ פאָנד, אַרום וועלכן עס איז אָרגאַניזירט (אויב מען קען דאָס אַזוי רופן) דאָס, וואָס מען רופט דאָ אַ טרעיד־יוניאָן. די שניידער, למשל, האָבן זיך זייער קאַסע, אין וועלכער יעדער צאָלט פון 2 ביז 5 קאָפּיקעס אַ וואָך. דאָס איז אין גרונד געגומען

אַ שטרייק-פאָנד אויף צו שטיצן די בעלי-מלאָכות, ווען זיי האָבן אַ קאַמף מיט זייערע בעלי-בתים. די שוסטער האָבן זייער קאַסע, די קירזשנער זייערע און אַזוי ווײַטער.

די גרופּעס זײַנען קלײנינקע פאַראײנען מיט דעם צוועק צו בילדן זייערע מיט-גלידער. דיזע גרופּעס זײַנען צווייערליי: אַזעלכע, ווו מען לערנט אײנפאַך לעזן און שרײַבן און רעכענען, און אַזעלכע, ווו מען אַנטוויקלט די מיטגלידער אין אַלגעמיין,—מיט דעם, וואָס מען לעזט מיט זיי אָדער פאַר זיי עפּעס אַ פּאָפּולערן ביכל איבער אַן עקאָנאָמישער אָדער אַנדערע וויסנשאַפטלעכע פראַגן.

די גרופּעס זײַנען גאַנץ קלײנינקע—אין די, וואָס לערנען זיך לעזן און שרײַבן, זײַנען דאָ פון פיר ביז זעקס שילער, און אין די אַנדערע—פון 6 ביז 8.

דאָס רוב קומט אויס, אַז די גרופּעס באַשטייען פון אַרבעטער, וואָס באַלאַנגען אויך צו דער זעלבער קאַסע: אַ גרופּע פון שנײַדער, למשל, אַ גרופּע פון שוסטער, אַ גרופּע קירזשנער. אָבער עס איז ניט אַלע מאָל אַזוי. די גרופּעס מוזן, נאַטירלעך, צוזאַמענגעשטעלט ווערן נאָך דער קענטעניש און פאַרשטאַנד נאָך פון די מיטגלידער, און ניט אַלע מאָל מאַכט זיך, אַז גראָד עטלעכע שנײַדער, צום בײַשפּיל, וואָס קענען באַלאַנגען צו דער זעלבער גרופּע, קענען פּאַסן צו דער זעלבער „כּיתּה".

ניט אַלע מאָל וווינען די מיטגלידער פון איין גרופּע אין דעם זעלבן געגנט. זייער אָפט קומט אויס, אַז עס קומען זיך צונויף יונגעלײַט פון פאַרשיידענע עקן שטאָט. וואָרעם דאָס איז אַזוי, קען דער לעזער זיך לײַכט פאָרשטעלן, ווען ער וועט האָבן אין זינען, אַז די גרופּעס זײַנען געהיימע און מוזן זיך היטן פון דער פּאָליציי, און אַז דעריבער איז זייער ניט לײַכט צו קריגן קוואַרטירן (צי פאַר געלט, צי פאַר אומזיסט). די קוואַר-טירן ווענדן זיך אַלזאָ ניט אָן דעם, ווו די מיטגלידער וווינען, זאָנדערן די מיטגלידער גייען, ווו נאָר די קוואַרטיר מאַכט זיך. איז מיט דיזע קוואַרטירן גרויסע צרות, און ניט זעלטן קומט אויס, אַז אַ גרופּע ווערט צעפאַלן, ווײַל זי האָט ניט ווו זיך צו פאַרזאַמלען.

די לערער פון דיזע גרופּעס זײַנען פרײַוויליקע. מייסטנס זײַנען דאָס אינטעלי-גענטע יונגעלײַט, וועלכע וואַלגערן זיך אַרום אָן לערנשולן, ענטוועדער אַזעלכע, וואָס מען נעמט אין גימנאַזיום, למשל, ניט צו, ווײַל זיי זײַנען יידן, אָדער ווײַל זיי זײַנען קינדער פון אָרעמע עלטערן. אָדער אַזעלכע, וואָס זײַנען געווען אין אַ לערנשולע און זײַנען פאַר אירגנד וועלכע אורזאַכע אַרויסגעפלויגן פון דאָרטן, ווי דער שטייגער איז אין רוסלאַנד. גימנאַזיסטן און רעאַליסטן, וואָס זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט דיזע גרופּעס, זײַנען דאָ גאַנץ ווייניק.

איבערהויפּט איז צו באַמערקן, אַז די הײַנטיקע יידישע גימנאַזיסטן און רעאַליסטן זײַנען ניט דאָס, וואָס אַמאָל. זיי באַלאַנגען צו דעם רײַכן קלאַס און זײַנען, מיט ווייניק אויסנאַמען, זייער אומוויסנדע און אומאַנטוויקלטע אַריסטאָקראַטלעך, ביר-טרינקער אָדער מאַמעס קינדער.

מיט דער גרופּע לערנט אַ באַזונדער לערער — געוויינטלעך צוויי מאָל אַ וואָך—צו פאַר שטונדן. אייניקע בעלי-מלאָכות באַלאַנגען אי צו אַ גרופּע פון לערנען און שרײַבן, אי צו אַ גרופּע פון אַלגעמיינער אַנטוויקלונג. אַנדערע באַלאַנגען בלויז צו איינערליי.

אַחוץ דיזע קליינע גרופּעס ווערן אַמאָל אויך אָפּגעהאַלטן גרעסערע פאַרזאַמלונגען—פון הונדערט אָדער מער אָנוועזנדע.

דיזע פאַרזאַמלונגען ווערן אָפּגעהאַלטן ענטוועדער אין וועלדער אָדער אין גרויסע געדונגענע צימערן הינטערן שטאָט (פאַר 50 אָדער 75 קאָפּיקעס פאַר אַ שבת-נאָכמיטאָג). דאָ ווערט אָפּגעהאַלטן ענטוועדער אַ לעקטשור אָדער אַן אַגיטאַציאָנס-רעדע, און אַלס רעדנער טרעטן אַמאָל אויך אַרויס פאַרן פּובליקום איינפאַכע בעלי-מלאָכות.

קיין פאָרזיצנדער האַלט זיך אויף דיזע פאַרזאַמלונגען ניט. מען סטאַרעוועט זיך זיי צו פירן אויף דעם אייראָפּעיִשן שטייגער, אָבער עס גייט עפּעס ניט. אין אַלגעמיין

איז אָבער אויף דיזע פֿאַרזאַמלונגען שטיל, און דער רעדנער ווערט ניט געשטערט. עס טרעפֿט אָבער אויך, אַז אין מיטן דער רעדע ווערט אַן אַלגעמיינע ריידערײַ און אַ געררודער, און פֿון דער רעדע ווערט גאָרניט.

די צוהערער האָבן, נאַטירלעך, ניט אַלע אויף וואָס צו זיצן, און די, וואָס האָבן יע, זיצן אויף וואָס עס מאַכט זיך און אין צימער איז ענג און דושנע.

פֿון אַפּלאָדיסמענטן ווייס מען אויף אַזאַ פֿאַרזאַמלונג גאַנץ זעלטן.

אַמאָל מאַכט מען אויך אַ „וועטשער" אָדער אַן ענטערטעינמענט, ווי מיר רופֿן דאָס דאָ. אויף אַזעלכע אונטערהאַלטונגס־אָוונטן קלײַבן זיך אַמאָל צונויף העכער ווי דרײַ הונדערט פּערזאָן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַלץ אין געהיים, און אַז פֿון נעמען אַ האָל אין שטאָט קען קיין רייד ניט זײַן. געוויינטלעך קלײַבט מען זיך צונויף הינטערן שטאָט, אין אַ קרעטשמע. פֿאַר עטלעכע רובל דערלויבט שוין דער בעל־הבית. אויף דעם „וועטשער" קומען ניט אַלע מיט אַמאָל און ניט מיט דער זעלבער וועג, זאָנדערן ביסלעכווײַז און פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן; און ווען דער „קליוטשוואָיט" פֿון דערבײַ ווייס אַפֿילו, אַז אַ סך ייִדן זײַנען פֿאַרזאַמלט בײַ בערקען אָדער יאָסקען אין קרעטשמע איז אויך קיין סכנה ניט. עס פֿאַלט אַפֿילו אויפֿן זינען ניט אַרויף, אַז די „זשידעס" זײַנען „פּאָליטישנע" חבֿרה; ער מיינט, זיי האָבן דאָס אַ שמחה אָדער אַ שטיקל יום־טובֿ. אַגבֿ, ווו האָט איר דאָס אַ קליוטשוואָיט, וואָס פֿאַרמאַכט ניט די האַנט, ווען איר לייגט אין איר אַרײַן אַ רובל?

דאָך פּאַסירט אַמאָל אַזאַ געשיכטע, ווי די פֿאָלגנדע:

אַ פּאָליציייסקער האָט דערזען, אַז עס לאָזן זיך עפּעס אַ סך ייִדן פֿון אַלע זײַטן אין קרעטשמע אַרײַן, און אים האָט זיך ניט אַנדערש פֿאַרוואָלט לאָזן וויסן זײַן פּריסטאַוו.— מסתּמא אום זיך אויסצודינען. באַלד איז דער פּריסטאַוו געקומען מיט אַ פּאָר גאָראָדאָ־וואָיעס. דער סאָציאַליסטישער עולם האָט אָבער גלײַך זיך צעשאָטן אויף פּאָרלעך און צי מען האָט געקענט טאַנצן, צי ניט—עס איז געוואָרן אַ טאַנצערײַ. דער פּריסטאַוו האָט געפֿונען, אַז אַלץ איז כּשר, אָבער צעגיין זיך האָט ער פֿונדעסטוועגן געהייסן.

אויף די „וועטשערס" זינגט מען רעוואָלוציאָנערע לידער, מען דעקלאַמירט, מען לעזט פֿאַר סאָציאַליסטישע געדיכטן, פּראָזע—אויף זשאַרגאָן און אויך אויף רוסיש.

פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע זײַנען דיזע ענטערטעינמענטס אַ טאָפּלטער פֿאַרגעניגן: ערשטנס, איז דאָס טאַקע אַזאַ אונטערהאַלטונג, וועלכע מען קען אַנדערשוווּ ניט האָבן—גאַנץ אָפּגעזונדערט פֿון דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער, וועלכן ער האָט; צווייטנס—די זיסקייט פֿון פֿאַרבאָטענע פּרוכט, דער געפֿיל, אַז מען טוט עפּעס אַ זאַך, וואָס די רעגירונג לאָזט ניט, עפּעס רעוואָלוציאָנערס, מעשה כוואַט און מיטגליד פֿון אַ סעקרעטער חבֿרה—דאָס איז פֿאַר זיך אַ מחיה.

די גאַנצע באַוועגונג, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, איז אייגנטלעך אַ צעטיילטע: זי, וואָס ווערט געפֿירט טיילווײַז פֿון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, טיילווײַז פֿון רעוואָלוציאָנערן, האַלטן זיך נאָך פֿאַר די טראַדיציאָנען פֿון די אַלטע טעראָריסטן און טיילווײַז פֿון ייִדישע נאַציאָנאַליסטן־סאָציאַליסטן, דאָס הייסט, אַזעלכע יונגעלײַט, וועלכע האָבן סאָציאַליסטישע אידעאַלן, אָבער וועלכע זײַנען אין דער געגנוואַרט פֿאַראינטערעסירט אין דער ייִדן־פֿראַגע פֿיל מער, ווי אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

צווישן דיזע דרײַערליי גרופּעס קומען, נאַטירלעך, פֿאַר מחלוקות,—טעאָרעטישע און אַמאָל אויך פּערזענלעכע—אָבער נאָך אַלעמען איז זיך איינער דעם אַנדערן געטרײַ, מען העלפֿט זיך אויס, און איניקע זאַכן מאַכט מען זאַגאַר בשותּפֿות.

די פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, וואָס דיזע גרופּעס קענען אויפֿטאָן, האָט, נאַטירלעך, קיין גרויסע באַדײַטונג ניט. אַפֿילו זייערע סטרייקס זײַנען אָפֿט זייער קינדעריש. ערשטנס, זײַנען דאָ די בעלי־בתּים ניט קיין קאַפּיטאַליסטן, נאָר אַליין גרויסע

קבצנים, זאָ דאָס עס קומט אויס אַ קאַמף פון אַן אביון קעגן אַ דלפון; צווייטנס, זיינען די געדונגענע בעלי־מלאָכות אַליין דאָך צוקונפטיקע בעלי־בתים, וואָרעם דאָס זיינען דאָך אַלץ ענטוועדער לערן־ייִנגלעך אָדער אַרבעטער, וואָס דינען אַ צווייטן אָדער אַ דריטן טערמין — אַלע מיט דער האָפענונג צו ווערן „סאַם־כאָזיאַין"* — אַ האָפענונג, וועלכע ווערט אויך דאָס רוב פאַרווירקלעכט.

דערפאַר האָט דיזע באַוועגונג אַ גרויסע דערציִענדע באַדייטונג. זי מאַכט פיל בעלי־מלאָכות פאַר אַנטוויקלטע מענטשן און טראָגט איבערהויפּט אין זייער מיט אַריין אַ בעסערן, אַן איידעלערן גייסט.

אייניקע אַרבעטער זיינען דורך דעם איינפלוס פון די באַשריבענע גרופּעס געוואָרן נישקשהדיק אינטעליגענטע און באַלעזענע מענטשן, און זייער לעבן האָט גענומען גאָר ניט די ריכטונג, אויף וועלכער עס וואָלט זיך פאַרנומען אונטער געוויינטלעכע אומשטאַנדן.

* אַ בעל־הבית פאַר זיך.

# פֿאַרגעסענע פּיאָניערן פֿון דער ייִדישער אַרבעטער=באַוועגונג

## I. יעקבֿ נאָטקין

יעקבֿ נאָטקינס נאָמען איז געווען באַקאַנט נאָר אין פֿאַרבינדונג מיט זײַן טראַגישן טויט בעת דער באַרימטער יאַקוטסקער הריגה פֿון די פֿאַרשיקטע פּאָליטישע אין מערץ 1889. אָבער אַז נאָטקין איז געווען פֿון די גאָר ערשטע, אויב ניט דער ערשטער, וואָס האָט אַלס סטודענט זיך גענומען אָרגאַניזירן אין זײַן היימשטאָט ווילנע די ייִדישע אַרבעטער, וועגן דעם האָט מען בײַ אונדז ביז די לעצטע יאָרן גאָרניט געוווּסט. אָבער אויך די ידיעות, וואָס האָבן זיך באַוויזן לעצטנס אין דער מעמואַרן-ליטעראַטור,[1] זײַנען זייער קורצע און זאָגן ווייניק, הגם אין זיי אַלע ווערט אָנגעוויזן אויף זײַן ראָלע ווי דער פּיאָנער פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין ווילנע. מיר ברענגען דאָ ביאָגראַפֿישע ידיעות, הגם ווײַט ניט קיין פֿולע, וועגן דעם דאָזיקן וויכטיקן און אַקטיוון רעוואָלוציאָנערן טוער, וואָס איז אַזוי פֿרי און טראַגיש אומגעקומען.

יעקבֿ נאָטקין (יאַקאָוו סאַוועליעוויטש) איז געבאָרן אין ווילנע אין יאָר 1865 אָדער 1866. זײַנע עלטערן זײַנען געווען פֿאַרמעגלעכע מענטשן; געהאַט אַן אייגן הויז בשכנות מיט דעם הויז, וווּ ס'האָט געוווינט אין דער יוגנט דער סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי. דער פֿאָטער איז פֿרי געשטאָרבן, בעת יעקבֿ איז נאָך געווען אין דער שול. אין 1877 איז ער אָנגעקומען אין דער ווילנער רעאַלשול און זי געענדיקט אין 1884. זײַנע נאָענטע שול-חבֿרים זײַנען געווען אַרקאַדי קרעמער און נאָך איינער, אַן אינזשעניער, וואָס וווינט איצט אין לענינגראַד און האָט אונדז צוגעשיקט אייניקע ידיעות וועגן נאָטקינען. אַלע דרײַ חבֿרים זײַנען סוף זומער 1885 אַוועקגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג און נאָך אַ קאָנקורס-עקזאַמען אָנגעקומען אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט.

אין די קלענערע קלאַסן פֿון רעאַלשול האָט זיך נאָטקין מיט קיין שום זאַך ניט אויסגעטיילט פֿון די איבעריקע תּלמידים. אין 6טן קלאַס האָט ער אײַנגעלאַדן קרעמערן און דעם אַנדערן חבֿר זײַנעם צו געבן לעקציעס פֿון מאַטעמאַטיק אין די גרופּעס יונגעלײַט, דער עיקר ישיבֿה-בחורים, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט. „ס'זײַנען געווען פֿעיִקע יונגעלײַט, און ס'איז געווען ניט שווער מיט זיי צו לערנען. נאָטקין האָט די אַרבעט געפֿירט זייער קאָנספּיראַטיוו, און איך האָב ניט געוווּסט, וואָס ער אַליין לערנט מיט זיי" — שרײַבט נאָטקינס אויבן דערמאָנטער יוגנט-חבֿר.

אין פּעטערבורג, זײַענדיק אויפֿן צווייטן קורס, האָט ער זיך באַזעצט אין איינעם מיט אַרקאַדי קרעמערן, מיט אַרקאַדיס שוועסטער סאַשע און מיט פּאַטי סרעדניצקי — שפּעטער קרעמערס פֿרוי — אויף איין דירה. די ביידע מיידלעך האָבן געלערנט אויף וואַזשינסקיס קורסן פֿאַר צאָנדאָקטוירים. זיי האָבן געדונגען אַ דירה פֿון 3 — 4 צימערן

---

[1] זע ז״ב Революц. движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 50 — דערמאָנט פֿון זשעניע דורוויטש, און 65 — דערמאָנט פֿון ט. קאָפּעלזאָן; זע אויך אַ פּאָר ווערטער אין די זכרונות פֿון שאַרל ראַפּאָפּאָרט אין Красная Летопись נר׳ 5 (1922 — 23), אויספֿירלעכער אויבן אין אונדזער באַנד. אומפֿאַרשטענדלעך איז, וואָס אין די זכרונות פֿון ליובאַ אַקסעלראָד אין „Каторга и Ссылка“ (ב׳ 63), וועלכע מיר דרוקן איבער בײַ אונדז, ווערט צווישן די ווילנער אַרבעטער-טוער פֿון יענער צײַט נאָטקין אין גאַנצן ניט דערמאָנט. — ר ע ד׳.

און געלעבט ווי אַ קאָמונע. קרעמער, זיין שוועסטער און פּאַטי פלעגן באַקומען צו 10 רובל אַ חודש, נאָטקין האָט באַקומען פון דער היים פיל מער. „מען האָט יעדן טאָג געקאָכט, געוואַשן די געפעס נאָך דער ריי נאָך און געלעבט זייער גוט, מיר זיינען געווען זאַט און פריילעך"—שרייבט אַרקאַדי קרעמער וועגן דער דאָזיקער קאָמונע אין זיינע נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע זכרונות. און ווייטער: „נאָטקין האָט שוין אין יענער צייט געהאַט באַקאַנטשאַפט אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן. איין מאָל האָט ער מיך אַוועקגעפירט אויף אַ דירה אין אַרבעטער-קוואַרטאַל, ווו ס'האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ מאַן 10 אַרבעטער. מען האָט גערעדט וועגן אויסאַרבעטן אַן „אוסטאַוו" (תקנות) פאַר אַ קאַסע. די אַרבעטער האָבן אונדז געוויזן אַזאַ געשריבענעם רעגולאַמען. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די תקנות זיינען ניט זייער גוראָטן צונויפגעשטעלט. ווי גרויס איז געווען מיין פאַרוווּנדערונג, ווען איינער פון די אַרבעטער האָט געמאָלדן, אַז דער „אוסטאַוו" איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך די „נאַראָדאָוואָלצעס"; איך האָב זיך דערפילט אַזוי פאַרשעמט און דערדריקט, אַז איך בין אַ גאַנצן אָוונט געזעסן אין אַ ווינקל און ניט אויסגערעדט אַ וואָרט. נאָטקין האָט די גאַנצע צייט געפירט אַ שמועס מיט די אַרבעטער וועגן זייער לאַגע, און מיר זיינען פון דאָרט אַוועק שפּעט אין דער נאַכט. מער בין איך אַהינצו ניט געגאַנגען. נאָטקין האָט מיך אַ פּאָר מאָל אויך געפירט אויף פאַרזאַמלונגען פון סטודענטישער יוגנט, אָבער דאָרטן איז געווען ניט אינטערעסאַנט. ס'פלעגט געוויינטלעך אַרויסטרעטן איינער און רעדן מיט פּאַטאָס און קלינגענדיקע פראַזעס וועגן דער לאַגע פון די פּויערים. מיך האָט דאָס אָפּגעשטויסן. אין דער היים פלעגן מיר לייענען צוזאַמען די בעסערע בעלעטריסטישע ווערק, באַזונדערס די טענדענציעזע, די געשיכטע פון דער פּויערים-באַוועגונג און אויך זשורנאַלן. גאַנצע אָוונטן פלעגן מיר האַלטן אין אַרומריידן און דיסקוטירן וועגן די איבערגעלייענטע ביכער און אַרטיקלען און—אַ מאָדנע זאַך—מיר פלעגן קיין מאָל ניט מסכים זיין איינער מיט דעם אַנדערן. ער איז געווען, ווי איך האָב עס גוט פאַרשטאַנען, אַ „נאַראָדניק" און האָט געאַרבעט אין אַ נאַראָדאָוואָלישער אָרגאַניזאַציע. איך האָב מיט אים געלעבט צוזאַמען נאָר איין ווינטער, נאָר אין משך פון דער צייט האָט ער מיך אַריינגעצויגן אין קרייז פון רעוואָלוציאָנערע אידעען, אידעען אמת צעשוווּמענע, ניט קלאָרע, נעפּלהאַפטע"...

„נאָטקין—דערציילט ווייטער א. קרעמער—איז געווען אַ גאַנצע נאַטור, אַ ריגאָריסט. פאַר אים האָט ניט עקסיסטירט קיין מחיצה צווישן טעאָריע און פּראַקטיק. זיין אידעאַל זיינען געווען די העלדן פון טשערנישעווסקיס „טשטאָ דיעלאַט". אין אונדזער בעל-הבתישקייט האָט ער ניט געלאָזט אויסגעבן קיין איבעריקן גראָשן. אַזוי איז ער באַשטאַנען אויף דעם, אַז מיר זאָלן טרינקען ציגלטיי, וועלכער האָט אויסגעזען ווי ליים, אָבער דער סאָרט טיי האָט געקאָסט ביליקער. מיר האָבן ווייניק געהייצט אין די צימערן, געגעסן שלעכט און געווען אָנגעטאָן נאָך ערגער. ער איז געווען דער רייכסטער צווישן אונדז, נאָר מיר האָבן געלעבט אין אַ קאָמונע, און ער האָט פאַר זיך אויסגעגעבן ווייניקער ווי מיר. ער האָט געלעבט מחוץ פון צייט און רוים. אַ מסירת-נפשדיקע נאַטור, האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום קרבנות בכדי דורכצופירן זיינע אידעען. אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך מיין אַוועקפאָרן (פון פּעטערבורג) האָט מען אים אַרעסטירט אין זיין דירה, ווו מען האָט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געהאַלטן אין זעצן עפּעס אַ בלעטל".

אין דער צייט פון די וואַקאַציעס, וועלכע ער פלעגט פאַרברענגען אין ווילנע, האָט נאָטקין אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען מיט די יידישע אַרבעטער. זשעניע הורוויטש דערציילט אין אירע זכרונות, אַז ער האָט דאָ אָרגאַניזירט אַרטעלן פון שוסטערס. ער האָט אויך, צוזאַמען מיט פּאַטי סרעדניצקי, געגרינדעט אָרגאַניזירן די זאָקן-מאַכערקעס. קאָפּעלזאָן דערציילט וועגן דעם אין זיינע זכרונות: „נאָך אין יאָר 1886 האָט צווישן די זאָקן-מאַכערקעס געאַרבעט איינער אַ-טוער פון די נאַראָדאָוואָלצעס, וואָס איז אומגעקו-

מען בעת דער ערשטער יאַקוטסקער טראַגעדיע, דער באַקאַנטער נאָטקין. ער איז איינער פֿון די גרינדער פֿון דער באַוועגונג".[2]

אַרעסטירט האָט מען אים דעם 13טן מערץ 1887 אין פּעטערבורג אין פֿאַרבינדונג מיטן ענין פֿונעם ניט געראָטענעם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטן, צו וועלכן ער האָט געהאַט עפּעס אַ שייַכות.[3] ווען ס'איז אָנגעקומען די פּאָליציי, האָט מען קוים באַוויזן אַרויסצוטראָגן דעם זאַק פֿון אַן אומלעגאַלן בלעטל, וואָס מען האָט גראָד געהאַלטן אין זעצן אין זייַן צימער; אויפֿן טיש זייַנען נאָך געלעגן צעוואָרפֿן די זאַק-אותיות, פּאַטין אָבער האָט זיך אייַנגעגעבן אַוועקצושאַרן דאָס אין אַ זייַט, און די פּאָליציי האָט גאָרנישט געפֿונען. דאָך האָט מען נאָטקינען אַרעסטירט און אַרייַנגעזעצט אין דער „פּרעדוואַרילקע“ (איינע פֿון די פּעטערבורגער טורמעס) און שפּעטער פֿאַרשיקט אַדמיניסטראַטיוו אין יאַקוטסקער געגנט אויף 5 יאָר פֿאַר „מלוכה-פֿאַרברעכן“.

אין דער „פּרעדוואַרילקע“ פֿלעגט סאַשע קרעמער גיין אים באַזוכן. אין דער זעלביקער צייַט זייַנען דאָרט געזעסן מיכאַיִל גאָץ און מינאָר, וועלכע זייַנען אַריבערגעפֿירט געוואָרן פֿון מאָסקווער טורמע פֿאַר „אַ בונט“. פּאַטי פֿלעגט אויך גיין אין טורמע צו באַזוכן גאָצן, ווי זייַנע כּלומרשט אַ כּלה; סאַשע קרעמער אָבער איז טאַקע געווען אין דער אמתן נאָטקינס כּלה און האָט זיך געקליבן מיט אים צו פֿאָרן אין פֿאַרשיקונג.

דעם 21סטן מערץ 1889 איז פֿאָרגעקומען די באַרימטע יאַקוטסקער הריגה. די פֿאַרשיקטע פּאָליטישע האָבן זיך מיט וואָפֿן אין די הענט אַנטקעגנגעשטעלט קעגן די סאָלדאַטן און זיך פֿאַרבאַריקאַדירט אין הויז פֿון מאָנאַסטיריאָוו—טאַקע אין דער דירה, וווּ נאָטקין האָט געוווינט. נאָטקין האָט געשפּילט די הויפּטראָלע בייַ דער פֿאַרטיידיקונג פֿון הויז און האָט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינטלעכע ענערגיע און מוט. בעת די סאָלדאַטן האָבן זיך סוף כּל סוף אַרייַנגעריסן אין הויז, איז ער איינער פֿון די ערשטע דערהרגעט געוואָרן.[4]

צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון נאָטקינען איז נאָך מוסיף זייַן יוגנט-חבֿר פֿון לעניניגראַד: נאָטקין האָט שטענדיק אויסגעמיטן געזעלשאַפֿט און ניט גענומען קיין אָנטייל אין אונדזערע פֿאַרווייַלונגען. מיר פֿלעגן זיך צונויפֿקלייַבן, מאַכן זיך פֿריילעך, טאַנצן, ער אָבער איז קיינמאָל צו אונדז ניט צוגעשטאַנען. אין זייַן בייַזייַן פֿלעגן מיר זיך ניט דערלויבן צו פֿירן לייַכטזיניקע שמועסן, ווייַל אים זייַנען זיי געווען דערווידער. ער איז געווען זייער אַ פֿעיִקער מאַטעמאַטיקער און אַ קענער פֿון ליטעראַטור, העכער פֿאַר אונדז אַלעמען. ער האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן מיט זייַן אויסזען, באַזונדערס אין אינסטיטוט: אַ יונגער, בלאָנדער, אַ גאַנץ הויכער און די באָרד ווי אַ לאָפּעטע. פֿון דער נאַטור איז ער געווען זייער אַ גוטער. אַן אַנדער חבֿר זייַנער פֿון די יאַקוטסקער יאָרן שרייַבט: „די חבֿרים האָבן זיך צו אים פֿאַרהאַלטן מיט גרויס יראת-הכּבֿוד.[5]

---

2 דצ"וו Революц. движение, ז' 65.

3 זע: בורצעוו За 100 лет, ז' 129 (2טער טייל); פֿגל' אויך ז' 135.

4 זע די זכרונות וועגן יעקבֿ נאָטקין פֿון זייַן חבֿר אין דער יאַקוטסקער געשיכטע מ. בראַגינסקי אין „Каторга и Ссылка“ ב' 52 (1929), ז' 63—64, (אויך זייַן בילד, וועלכן מיר רעפּראָדוצירן דאָ); וועגן נאָטקינען דערציילט אויך ס. מינאָר אין זייַן אַרטיקל וועגן יאַקוטסק אין „Былое“ 1906, נר' 9.

בעת דער יאַקוטסקער הריגה זייַנען אויך אויפֿן אָרט דערהרגעט געוואָרן: סאָפֿיאַ גורעוויטש, פּאָדבעלסקי, שור, פּיק און מוכאַנאָוו; אין יולי 1889 איז פֿאָרגעקומען אין יאַקוטסק אַ מיליטער-געריכט איבער די איבעריקע און פֿון זיי זייַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט ל. כּהן-בערנשטיין, זאָטאָוו און האוסמאַן; אויף אייביקער קאַטאָרגע זייַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן מ. גאָץ, מינאָר, א. גורעוויטש א"אַ; צווישן די איבעריקע באַשטראָפֿטע זייַנען אויך געווען אַ סך ייִדן. פּונקט מיט 15 יאָר שפּעטער האָט זיך אין יאַקוטסק ווידער איבערגעחזרט אַן ענלעכע געשיכטע (די „ראָמאַנאָווקע“), אין וועלכער פּאַוול ראָזענטאַל האָט געשפּילט אַן אַקטיווע ראָלע, אָבער דאָס מאָל איז דאָס אָפּגעלאָפֿן ניט אַזוי שרעקלעך, ווי אין יאָר 1889.

5 זע ציט' זכרונות פֿון בראַגינסקי.



יעקבֿ נאָטקין

(געב׳ 1865 אָדער 1866, אומגעקומען
בעת דער יאַקוטסקער הריגה 1889)



פּאַוועל בערמאַן

(1873—1922)



אַבֿרהם אַמסטערדאַם (1871—1839)

(צום אַרט׳ „פאָרגעסענע פּיאָניערן״)



ליזע גרינבלאַט

(אַבֿרהם אַמסטערדאַמס פרוי)

נאָטקין האָט געהאַט צוויי ברידער און צוויי שוועסטער. דער עלטערער ברודער איז געווען אויפן 5טן קורס, ווען יעקב איז אָנגעקומען אין אינסטיטוט; ער איז געשטאָרבן אין 1923 אין כאַרבין, ווו ער איז געווען אויף אַ שטעלע. זײַן ייִנגערער ברודער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און לעבט שוין אויך ניט. בכלל איז דער סוף פון דער גאַנצער פאַמיליע נאָטקינס געווען אַ טראַגישער. אין 1893 זײַנען זײַן מוטער און עלטערע שוועסטער אין ווילנע אין מיטן העלן טאָג באַפאַלן געוואָרן אין זייער וווינונג פון דעם הויזוועכטערס זון, וואָס האָט זיי געוואָלט באַראַבעווען, און ער האָט זיי ביידן דערהרגעט מיט אַ האַק.

נאָטקין האָט געהאַט אַ שוועסטערקינד, איינעם אַס, וועלכער פלעגט אים אין די שוליאָרן געבן ביכער צום לייענען פון זײַן פאָטערס בוכהאַנדלונג; אָט דער אַס איז צופעליק אַרײַנגעקומען אין דירה, ווען די הריגה איז פאָרגעקומען; דער באַנדיט האָט אויך אים צעהאַקט מיט דער האַק. פון דער גאַנצער משפחה איז נאָר פאַרבליבן איין שוועסטער, וועלכע וווינט איצט אין וואַרשע.

## II. אַבֿרהם אַמסטערדאַם

אַבֿרהם אַמסטערדאַם איז איצט אַ כמעט פאַרגעסענע פיגור אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון תחום אין דער תקופה ערבֿ דעם „בונד". אָבער אין זײַן צײַט איז ער געווען כמעט אַ לעגענדע — אַ פּיאָניער פון ייִדישן רעוואָלוציאָנערן געדאַנק און דערצו אַן אָריגינעלע, ביז גאָר אייגנאַרטיקע פערזענלעכקייט מיט אַ קאָלאָסאַלער השפּעה אויף דער יוגנט, אַ גײַסטיק ברויזנדיקע נאַטור, טראַגיש אומגעקומען אין זײַנע בלי־יאָרן, קוים 28 יאָר אַלט.

מיר פּרוּוון דאָ רעסטאַווירן דאָס בילד פון אָט דעם פאַרגעסענעם טוער. מיר האָבן צונויפגענומען דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס איז פאַראַן וועגן אים אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור, ווי די ידיעות זײַנען זייער קנאַפּ, און אין די זכרונות פון זײַנע בני־דור. חוץ דעם האָבן מיר זיך געווענדט, אין 1935, צו זײַן שוואָגער ראובֿן ברײַנין אין ניו־יאָרק, און לויט אונדזער בקשה האָט ר. ברײַנין אָנגעפרעגט וועגן ביאָגראַפישע ידיעות בײַ דער אַלמנה פון אַבֿרהם אַמסטערדאַם, ליזע, וואָס האָט געלעבט אין מאָסקווע, און בײַ זײַן ייִנגערן ברודער וואָלאָדיע, אויך אין מאָסקווע.[1] מיר דרוקן דאָ איבער זייערע בריוו מיט די גאַנץ קורצע ידיעות, וואָס ר. ברײַנין האָט בתשובה פון זיי באַקומען.[2]

### דער בריוו פון וואָלאָדיע אַמסטערדאַם:

„פאַקטיש האָב איך זיך מיט אַבֿראַמען צעשיידט, בעת ער איז אין יאָר 1894–1895 אַוועק דינען פאַר אַ סאָלדאַט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען בערך אַ יאָר 14—15. דאָס וואָס ער איז פּלוצלונג, אין די 90ער יאָרן, אַריבערגעפאָרן פון מאָסקווע קיין וויטעבסק, דוכט מיר איז געווען דערפאַר, ווײַל מ'האָט אים ווי אַ פּאָליטיש חשודיקן אַרויסגעשיקט בעת די אומרוען פון מאָסקווע, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַ שלאָסער בײַ די ברידער בראָמעט, נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט די מאָסקווער ייִדישע האַנטווערקער־שול.

זײַן השפּעה אין יענער צײַט (אין וויטעבסק), הן אויף די ישיבֿה־בחורים, וואָס האָבן זיך דעמאָלט גענומען פּראָלעטאַריזירן, און הן אויף דער יוגנט בכלל, צווישן

---

1 אין זײַן באַגלייט־בריוו צו אונדז, פון אַפּריל 1935, שרײַבט ראובֿן ברײַנין, אַז זײַן פרוי (אַמסטערדאַמס עלטערע שוועסטער) איז קורץ פאַר דעם געשטאָרבן, און גראָד זי וואָלט געקענט מער מיטטיילן וועגן אַבֿרהמען, ווי ער קען דאָס מאַכן. אַ דאַנק דער פרײַנדלעכער פאַרמיטלונג פון ר. ברײַנין האָבן מיר אויך באַקומען דאָס איינציק פאַרבליבענע פאָטאָגראַפיש בילד פון אַבֿרהם אַמסטערדאַם, וועלכע מיר רעפּראָדוצירן דאָ.

2 ביידע בריוו זײַנען געשריבן אין רוסיש.

וועלכער ער האָט געאַרבעט און געגעבן פּריוואַטע לעקציעס, דאַרף דיר זײַן מער באַקאַנט ווי מיר. איך מיין, אַז ס'איז ניט קיין גוזמא צו באַטראַכטן אים ווי דעם פּיאָניער – צום אָנהייב בײַם אויפוועקן די דאָזיקע קרײַזן צו בילדונג און שפּעטער, אין 1894—1895, ווי דעם פּיאָניער פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין וויטעבסק. נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט זײַן מיליטער־דינסט אין 1896, האָט ער זיך ניט אומגעקערט קיין וויטעבסק און איז, אין סעפּטעמבער 1896, אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע; משמעות ס'האָט אים געצויגן אַהין דערפאַר, ווײַל דאָרט איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון דער אויפקומענדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דעם 27סטן יאַנואַר (1897) איז ער דאָרט אַרעסטירט געוואָרן און אַרײַנגעזעצט אין אַנטאָקאָלער טורמע. נאָך צוויי יאָר מיט צוויי חדשים זיצן איז ער, דעם 26סטן מערץ 1899, פאַרשיקט געוואָרן אונטער פּאָליציייִשער השגחה אין זײַן געבוירנשטאָט שקלאָוו.[3] דעם 27סטן יולי 1899 איז ער דאָרט געשטאָרבן. עס האָט זיך דעמאָלט פאַרשפּרייט אַן עקשנותדיקער קלאַנג, אַז זײַן טויט איז ניט געווען קיין צופעליקער און אַז אין דעם שטעקט די האַנט פון דער געהיימער פּאָליצײַ. איך האָב מיט לײזען קיין מאָל וועגן דעם ניט גערעדט און ווייס ניט, צי באַשטעטיקט זי דאָס; איך נעם אָן, אַז לײזע קען דיר געבן וועגן דעם אויספירלעכערע און דײַטלעכערע ידיעות.

וואָסערע ספּעציעלע מאָמענטן קומען מיר אויף אין זכרון? אָט, זאָגן מיר, דער באַרימטער הונגער אין 1891: די „טשאַינעס", וואָס זײַנען דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן צו העלפן די הונגעריקע און וואָס זײַנען אויסגענוצט געוואָרן פאַר צוועקן פון רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע.[4] ווי איך געדענק, האָט אַבראַם דערבײַ אַ סך געאַרבעט. איך געדענק אויך, אַז איינער רובינשטיין האָט אין 1893—1895, קומענדיק פון דײַטשלאַנד, מיטגעבראַכט קיין וויטעבסק הויפּטמאַנס „די וועבער". מ'האָט זיך תיכּף גענומען איבערזעצן דאָס ווערק אין ייִדיש, און בײַ יאַוויטשן אין שטוב איז דעמאָלט פאָרגעקומען די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג, וווּ מ'האָט געלייענט „די וועבער". אויך דערמאָן איך זיך דאָס יאָר 1894, בעת עס איז געשטאָרבן אַלעקסאַנדער III: בײַ אונדז אין דער היים איז פאָרגעקומען אַ שטרענג געהיימע באַראַטונג, אין אַן ענגן קרײַז, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַבראַם איז אויף אַ געוויסער צײַט אַוועקגעפאָרן פון וויטעבסק קיין ריגע, ווי איך פאַרשטיי איצט — בכדי צו געפינען פאַרבינדונגען און אָרגאַניזירן עפּעס אַן עפנטלעכע, אַלגעמיין־רוסישע דעמאָנסטראַציע.

איך דערמאָן זיך ווײַטער וואָס פאַר אַ ראָלע ס'האָט געשפּילט אונדזער ווינונג נאָך דעם, ווי אַבראַם איז אַוועקגעפאָרן צום מיליטער־דינסט קיין מאָהילעוו: זי איז געוואָרן דער זאַמלפּונקט פון דער וויטעבסקער גרופּע אינטעליגענטן, אַרבעטער, בעלי־מלאָכות און יוגנט. איך ווייס ניט ווי אַזוי, אָבער בײַ אונדז האָט זיך געשאַפן אַ ביבליאָטעק פון ניט גאַנץ לעגאַלע ביכער; אייניקע זײַנען געווען העקטאָגראַפירט; איך געדענק, אַז דאָרטן זײַנען געווען ביכער פון לאַווראָוון, דוכט מיר אויך פונעם דעמאָלט פּאָפּולערן היסטאָריקער קאָסטאָמאַראָוו, אויך די פאַרבאָטענע בענד פון מאַרקס' „קאַפּיטאַל".[5] דאָס דערמאָנט מיר אין אַ קאָמישער געשיכטע, וואָס אַבראַם האָט דערציילט;

---

3 זע ווײַטער, הערה 11.

4 אין 1891 האָט אין רוסלאַנד אויסגעבראָכן אַ הונגער, וואָס האָט אַרומגענומען אַ גאַנצע רײ גובערניעס; דאָס האָט אַרויסגערופן אַ ברייטע הילף־באַוועגונג צווישן דער אינטעליגענץ, וועלכע האָט אָרגאַניזירט אַ נעץ פון „טשאַינעס" צו פאַרטײלן טיי און ברויט און דערבײַ געפּרוּווט אויך אַגיטירן קעגן דער רעגירונג, וואָס איז שולדיק אינעם הונגער. אין רוסלאַנד איז דעמאָלט אַרויס פלעכאַנאָווס בראָשור Всероссийское разорение וועגן אויסנוצן די הילף־באַוועגונג פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן.

5 ווי באַקאַנט, איז מאַרקס' „קאַפּיטאַל" אין רוסיש אַרויס (דער ערשטער באַנד) אין 1872; אין מיטן די 80ער יאָרן האָט מען דאָס בוך קאָנפיסקירט און ס'איז געוואָרן אַ יקר־המציאות, ביז עס איז אין 1899 אַרויס אַ נײַע איבערזעצונג (פון זש. הורוויטש און ל. זאַק).

פאַסירט האָט זי מיט אים אין קאַזאַרמע, בעת ער איז געווען אַ סאָלדאַט: ער האָט אַהין מיטגענומען מיט זיך דעם „קאַפּיטאַל" צום לייענען און געהאַלטן עס צווישן זײַנע זאַכן; די אָפיצערן פלעגן אָפט בודק זײַן די זאַכן פון די סאָלדאַטן און איין מאָל בײַ אַזאַ רעוויזיע האָט מען בײַ אַבראַמען געפונען דאָס בוך. האַלטן אין קאַזאַרמע אַ בוך, וואָסער ס׳זאָל ניט זײַן, איז בכלל געווען חשודיק, באַזונדערס פאַר אַ פשוטן סאָלדאַט, און נאָך אין יענער צײַט. אָבער דער נאָמען פון בוך „דער קאַפּיטאַל" האָט אַבראַמען אָפּגעראַטעוועט: אויף דער פראַגע פון דעם אָפיצער — וואָס פאַר אַ בוך איז דאָס? האָט אַבראַם געענטפערט: אַ לערנבוך פון בוכהאַלטעריע, ווי מ׳קען עס זען פונעם נאָמען. דער אָפיצער האָט זיך באַרויִקט, און דאָס בוך איז פאַרבליבן בײַ אַבראַמען אין קאַזאַרמע...

זײַנע פאַרבינדונגען מיט וויטעבסק האָט אַבראַם ניט איבערגעריסן אַפילו בעת ער איז געזעסן אַרעסטירט אין ווילנער אַנטאָקאָלער טורמע. ער האָט פון דאָרטן אָנגעפירט די באַוועגונג. ער פלעגט פון תפיסה צוריק איבערשיקן גאַנץ אומשולדיקע ביכלעך, וועלכע האָבן אָבער געהאַט געוויסע אומבאַמערקלעכע צייכנס אויף די אותיות שורה נאָך שורה — דאָס איז געווען אַן אָפּגעמאַכטער שיפער פאַר אַ קאָרעספּאָנדענץ. בעת איך בין אין 1898 אַוועגפאָרן קיין בערלין, איז אַבראַם נאָך געזעסן אין תפיסה. בײַם דורכפאָרן ווילנע האָב איך, ווי זײַנער אַ ברודער, באַקומען אַ דערלויבעניש צו זען זיך מיט אים אין טורמע, דערבײַ איז זעלבסטפאַרשטענדלעך בײַגעווען אַ זשאַנדאַרמעריע־אָפיצער, ריכטיקער — מיר ביידע זײַנען געזעסן אין זײַן קאַנטאָר. איך האָב אַבראַמען דערבײַ איבערגעגעבן אַ בוך אין אַ האַרטן, זייער האַרטן אײַנבונד; דעם אמתן אינהאַלט פון בוך האָט ער באַדאַרפט אויסגעפינען אומקערנדיק זיך צוריק אין זײַן קאַמערע: דאָרט איז געווען אַ גענויער באַריכט וועגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין וויטעבסק, ווו ס׳האָט שוין צו יענער צײַט עקסיסטירט אַ גוט אויסגעבויטע אָרגאַניזאַציע מיט געהיימע דירות פאַר פאַרזאַמלונגען און „יאַווקעס".[6] איך מיט ליזען האָבן דעמאָלט געוווינט אין איינער אַזאַ דירה.

דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען דיר מיטטיילן. בריוו פון אים זײַנען בײַ מיר ניט פאַרבליבן, חוץ אַ פראַגמענט פון אַ שײַן וועגן דעם, אַז ער, מײַן דעמאָלטיקער אָפיציעלער אַפּוטרופּוס, דערלויבט מיר צו פאָרן שטודירן. דעם דאָזיקן שײַן האָט ער מיר אַרויסגעגעבן זיצנדיק אין תפיסה און צוליב דעם צוועק האָט מען אים דערלויבט צו פאָרן, אין דער באַגלייטונג פון אַ שומר, צום נאָטאַריוס, וואָס זאָל באַשטעטיקן זײַן חתימה. אייניקע פרײַנד זײַנע, וואָס איך האָב זיי וועגן דעם געלאָזט וויסן, האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט דערבײַ אַ קוק צו טון אויף אים און באַגריסן אים כאָטש מיט די אויגן.

בײַ די אַלע, וואָס זײַנען ווען ניט איז געקומען מיט אים אין באַרירונג, איז ער נאָך עד היום פאַרבליבן אין זכרון ווי אַן אויסערגעוויינטלעכע פערזענלעכקייט. איך האָב געטראָפן אַ סך מענטשן, וואָס הערנדיק מײַן נאָמען האָבן זיך געווענדט צו מיר מיט דער פראַגע, צי בין איך ניט אַ קרובֿ פון יענעם אַמסטערדאַם, וואָס אַז״וו".

### דער בריוו פון ליזע אַמסטערדאַם:[7]

„וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון אַבראַמס לעבן ביז מײַן באַגעגעניש מיט אים [אין וויטעבסק] ווייס איך זייער ווייניק. עס איז דעמאָלט געווען אַזאַ צײַט, אַז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פלעגט מען לייגן אויף די לויפיקע געשעענישן און וועגן דעם

---

6 אַ דירה, ווו די טוערס, געוויינטלעך אָנגעקומענע פון אַנדערע שטעט, האָבן זיך געקענט מעלדן און באַקומען די נייטיקע פאַרבינדונגען.

7 ליזע אַמסטערדאַם, געב׳ גרינבלאַט, האָט געשטאַמט פון וויטעבסק און געהערט צו די דאָרטיקע רעוואָלוציאָנערע קרײַזלעך, וואָס אַמסטערדאַם האָט אָרגאַניזירט. שפּעטער האָט זי געאַרבעט אַקטיוו אין „בונד" און האָט זיך באַטייליקט אין געהיימע דרוקערײַען. אין 1935 געלעבט אין מאָסקווע.

עבֿר האָט מען ניט גערעדט. מיר האָבן געלעבט אין איינעם נאָר גאָר אַ קורצע צײַט... וואָס איז שייך זײַנס אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, האָב איך נאָר איין איינציקן עקזעמפּליאַר און איך קען בײַ מיר ניט פֿועלן זי אָפּצוגעבן".[8]

צום דאָזיקן בריוו האָט ליזע אַמסטערדאַם צוגעגעבן וועגן אים די ווײַטערדיקע קורצע ביאָגראַפֿישע ידיעות:

„אַבראַם איז אַרעסטירט געוואָרן אויף דער באַן־סטאַנציע אין ווילנע דעם 27סטן יאַנואַר 1897, בעת ער האָט זיך געקליבן פֿאָרן, לויטן אויפֿטראָג פֿון ווילנער קאָמיטעט פֿון „בונד",[9] קיין סמאָרגאָן, דעם צענטער פֿון דער לעדער־אינדוסטריע אין צפֿון־מערבֿדיקער געגנט. אַבראַם איז דערטרונקען געוואָרן אין שקלאָוו בײַם באָדן זיך אין דניעפּער, פֿאַר מיר אין די אויגן; ער האָט געוואָלט אַריבערשווימען אויף דער אַנדער זײַט טײַך, אָבער דאָ איז אָנגעקומען פּלוצים אַ דאַמפֿשיף, וואָס האָט אויפֿגעהויבן אַ גרויסע כוואַליע, און דאָס איז קאָנטיק געווען די סיבה פֿון זײַן אומקום.

ער איז תּחילת געזעסן אין ווילנער טורמע, אָבער מען האָט איבערגעכאַפּט זײַנס אַ שריפֿט, וואָס ער האָט געפּרוּווט איבערגעבן אויף דער פֿרײַ, און מ'האָט אים אַריבערגעפֿירט אין דער וויטעבסקער טורמע ווו ער איז אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים.[10] פֿאַרן פֿאַרענדיקן די געריכט־אונטערזוכונג פֿון זײַן ענין האָט מען אים צוריק אַריבערגעפֿירט אין ווילנער תּפֿיסה. נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון טורמע האָט ער געלעבט אונטער פּאָליצײַישער השגחה אין שקלאָוו. פֿון דאָרטן האָט ער אונטערגעהאַלטן די פֿאַרבינדונגען מיט דער מאָהילעווער אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד" דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון חבֿרים. די פֿאָרשטייער פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿלעגן צו אים קומען קיין שקלאָוו. אין יאָר 1899 האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורעמדיקע סטודענטישע באַוועגונג, און אַבראַם האָט דעמאָלט אָנגעשריבן אייניקע פֿלאַמפֿנדיקע פּראָקלאַמאַציעס און איבערגעגעבן די חבֿרים זיי צו פֿאַרשפּרייטן.

אַבראַם איז געבוירן געוואָרן אין וויטעבסק אין 1872, האָט געלעבט אין קלין,[11] ווו ער האָט זיך געלערנט אין פֿאָלקשול [חדר?] און שפּעטער אין מאָסקווע אין אַ האַנטווערקער־שול. די צײַט, וואָס ער איז געזעסן אין תּפֿיסה, האָט ער ברייט אויסגענוצט פֿאַר זעלבסטבילדונג. ער פֿלעגט אַרויספֿאָדערן ביכער פֿון מאַטעמאַטיק און זיי מיט גרויס התמדה שטודירן, ווי אויך ביכער וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע, געשיכטע וכדומה, און האָט פֿאַרלאָזן די תּפֿיסה זייער באַרײַכערט מיט וויסן אויף פֿאַרשיידענע געביטן".

ד"ר יוסף ראָזען,[12] וואָס האָט קינדווײַז גוט געקענט אַמסטערדאַמען און זײַן משפּחה אין מאָסקווע (זיי זײַנען געווען קרובֿים), האָט אונדז איבערגעגעבן די ווײַטערדיקע

---

8 די פֿאָטאָגראַפֿיע גיבן מיר דאָ.

9 דאָ איז קלאָר אַ טעות, מחמת דער „בונד" האָט זיך געגרינדעט ערשט אין סעפּטעמבער 1897: ווערט זיכער געמיינט די „גרופּע יידישע סאָצ'־דעמאָקראַטן", וואָס פֿון איר איז אַרויסגעוואַקסן דער „בונד".

10 פֿון אַנדערע מקורים איז באַקאַנט, אַז זיצנדיק אין תּפֿיסה האָט ער אַריבערגעשיקט פֿון דאָרטן אַ רײַ בריוו צו די אַרבעטער וועגן פֿאַרשיידענע פֿראַגעס; געשריבענע קאָפּיעס פֿון זײַנע בריוו זײַנען געווען שטאַרק פֿאַרשפּרייט און געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. בעת אַן „אָביסק" אין וויטעבסק, אין אַפּריל 1897, האָט מען געפֿונען זײַנעם פֿון טורמע אַן אַריבערגעשיקטן פּראָיעקט פֿון אַ רעדע צו די אַרבעטער אויפֿן 1טן מאַי מיט דער בקשה איבערצוזעצן דאָס אין יידיש און פֿאַרשפּרייטן.

11 דאָס אָרט און יאָר פֿון אַמסטערדאַמס געבוירן איז דאָ אָנגעגעבן אַנדערש, ווי אין זײַנעם ברודערס בריוו; מ'דאַרף רעכענען, אַז געבוירן געוואָרן איז ער אין וויטעבסק, אָבער אַ נכתּבֿ איז ער געווען אין שקלאָוו (אַ שקלאָווער „מעשטשאַנין"); דאָס יאָר 1871 ווערט אָנגעגעבן אויך אין אַנדערע מקורים. וואָס מיינט קלין, ווייסן מיר ניט; אפֿשר אַ פֿאָרשטאָט אָדער אַ שטעטל בײַ וויטעבסק?

12 דירעקטאָר פֿון „אַגראָדזשאָינט" אין מאָסקווע, איצט צײַטווײַליק אין פּאַריז.

ידיעות: אַבֿרהם אַמסטערדאַמס פֿאָטער האָט געשטאַמט פֿון שקלאָוו און איז געווען אין מאָסקווע אַ מלמד און געלעבט מיט זײַן פֿאַמיליע אין אָרעמקייט, ערגעץ אין אַ קעלער. בײַ זיי איז דעמאָלט געווען אויף קוואַרטיר דער שפּעטער באַוווסטער העברעיִשער שרײַבער ראובֿן ברײַנין, וועלכער האָט דערנאָך חתונה געהאַט מיט אַבֿרהמס עלטערער שוועסטער. אַבֿרהם האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַנע אויסערגעוויינטלעכע פֿעיִקייטן. שוין פֿרי האָט ער אָנגעהויבן געבן לעקציעס און געשטיצט דעם פֿאָטער. יוסף ראָזען האָט פֿאַרלאָזן מאָסקווע, בעת אַבֿרהם איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, און מער האָט ער אים ניט געזען.

אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פֿון אַמסטערדאַמס פּערזענלעכקייט און זײַן ראָלע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז וויטעבסק געפֿינען מיר אין די זכרונות פֿון צוויי אַלטע וויטעבסקער סאָצ׳־דעמאָקראַטישע טוערס. דער ערשטער איז איליאַ ווילענסקי, אַ באַקאַנטער „איסקראָוועץ״,[13] אַן אַרבעטער, וואָס האָט געלעבט אין איין צײַט מיט אַמסטערדאַמען אין וויטעבסק. אָט וואָס ער דערציילט:

נאָכן גירוש מאָסקווע, אָנהייב די 90ער יאָרן,[14] האָט זיך אין וויטעבסק באַזעצט די פֿאַמיליע אַמסטערדאַם, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ פֿאָטער, אַן עלטערער טאָכטער מיט איר מאַן ברײַנין און צוויי זין, אַבֿרהם און וואָלאָדיע;[15] אין איינעם מיט זיי זײַנען אויך אַראָפּגעקומען די פֿאַמיליעס מאַכלין און מענדעלעוויטש, וואָס זײַנען געווען זייער באַפֿרײַנדט מיט אַבֿרהם אַמסטערדאַמען. באַלד נאָך זײַן אָנקומען קיין וויטעבסק האָט אַבֿרהם אַ. גענומען וועקן דעם עולם, אָרגאַניזירן צווישן דער יוגנט קרײַזלעך פֿאַר זעלבסטבילדונג וכדומה. בײַ אים אין וווינונג האָט זיך געפֿונען אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעק, דער עיקר פֿון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור. ס׳איז געווען די צײַט פֿון די לײַדנשאַפֿטלעכע דיסקוסיעס צווישן די מאַרקסיסטן און זייערע געגנער. די מאַרקסיסטישע אידעען האָט פֿאַרטראָגן קיין וויטעבסק איינער אַ פֿאַרשיקטער מ. זאַסלאַווסקי; די וויכוחים זײַנען דאָ געגאַנגען צווישן זאַסלאַווסקיס גרופּע, פֿון איין זײַט, און אַמסטערדאַמס גרופּע — פֿון דער צווייטער; סוף כּל סוף האָבן די מאַרקסיסטן גובֿר געווען. „איך געדענק — דערציילט ווײַטער א. ווילענסקי — ווי אין איינעם אַ שבת האָבן מיר מײַנע עלטערע שוועסטער אין אַ געהויבענער שטימונג איבערגעגעבן, אַז הײַנט וועט צו אונדז קומען אַבֿרהם אַמסטערדאַם. איך געדענק דעם ציטער, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט וואַרטנדיק אויף דער באַגעגעניש מיט אַמסטערדאַמען, דעם אָפּגאָט פֿון דער גאַנצער יוגנט [אין וויטעבסק]. ענדלעך איז ער געקומען. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס וועגן דעם, אַז די יוגנט דאַרף זיך מקרבֿ זײַן פֿאַרן פֿאָלק, וועגן איר חובֿ צום פֿאָלק. זײַן רעדע איז וואָס ווײַטער אַלץ פֿלאַמענדיקער געוואָרן, די צוהערערינס כאַפּן אויף יעדער וואָרט מיט התפּעלות און ער פֿאַלט אַרײַן אַלץ מער אין התלהבֿות און דערציילט וועגן די לײַדן און דער פֿינצטערניש פֿון „פֿאָלק״, וועגן דער נייטיקייט צו טראָגן אַהין וואָס מער ליכט און בילדונג. לויט זײַן איניציאַטיווע און מיט דער הילף פֿון אייניקע חבֿרים איז אין וויטעבסק אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „טשאַינע״ צווישן דער אָרעמער באַפֿעלקערונג, בעת עס האָט נאָכן הונגער אויסגעבראָכן צווישן זיי אַן עפּידעמיע פֿון כאָלערע. ער און זײַן שטענדיקער באַגלייטער כאַצקל אוסישקין האָבן אונדז דעמאָלט באַקענט מיט די אידעען פֿון לאַסאַלן און טשערנישעווסקין, באַזונדערס מיטן בוך „טשטאָ דעלאַט״. מ׳האָט באַדאַרפֿט הערן, ווי אַזוי אַבֿרהם האָט דעמאָלט געלייענט לאַסאַלן, זײַנע פֿלאַמענדיקע רעדעס אינעם דײַטשן געריכט,

---

13 שפּעטער אַ קאָמוניסט; געשטאָרבן 1931 אין מאָסקווע.

14 דער ייִדישער גירוש פֿון מאָסקווע, פֿרילינג 1891.

15 פֿון פּריוואַטע ידיעות איז אונדז באַקאַנט, אַז אַבֿרהם אַמסטערדאַם האָט געהאַט נאָך אַ ייִנגערע שוועסטער; זי וווינט איצט אין בערלין.

זײַן שמײַסן ווי מיט ריטער די דײַטשע קליינבירגער!".[16] אין אַן אַנדער אָרט פֿון זײַן דערציילונג מאַכט א. ווילענסקי אַ פֿאָרוואָרף אַמסטערדאַמען, אַז ער איז געווען אַ "ייִדישער נאַראָדניק", אַ "ציוניסט".

אַ מער קאָנקרעטע און זאַכלעכע כאַראַקטעריסטיק פֿון אַמסטערדאַמס פּערזענלעכקייט און פֿון זײַן ראָלע גיט דער גוט באַקאַנטער סאָצ׳-דעמאָקראַטישער שרײַבער און פּאַרטיי-טוער א. מ. גינזבורג (נאַומאָוו) אין זײַנע זכרונות וועגן וויטעבסק. "דער סאַמע אָנגעזעענער פֿאָרשטייער פֿון דער גרופּע רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ אין וויטעבסק איז אָן שום ספֿק געווען אַבֿרהם אַמסטערדאַם. פּערזענלעך האָב איך זיך מיט אים באַגעגנט שפּעטער, אין 1899, ווען ער איז געווען אונטער פּאָליצײַישער השגחה אין שקלאָוו; צו יענער צײַט איז ער שוין געווען אַ פֿאַרטיקער מאַרקסיסט, פֿון דעסט וועגן האָבן זיך נאָך דעמאָלט געלאָזט מערקן אַ שטאַרקער אידעאַליסטישער שטראָם אין זײַן וועלטבאַנעם און טעראָריסטישע נטיות... אַמסטערדאַם איז געווען אַ פֿילפֿאַרביקע פֿיגור: מיט אַ נבֿיאישן טעמפּעראַמענט, אַ פֿלאַמענדיקער אַגיטאַטאָר, אַן אויסגעצייכנטער "קולטורניק"-פּראָפּאַגאַנדיסט, זייער אַ גוטער דיאַלעקטיקער, אַ מענטש מיט אַ נטיה צו קינסטלערישן סטיל, וואָס האָט געפּרוווט שרײַבן אויך בעלעטריסטישע זאַכן... לכל הדעות אַ מענטש,—אַ יוצא מן הכּלל, זייער אַ פּילזײַטיקער אין זײַנע עמאָציעס. די אַרבעטער-באַוועגונג ווי אַזעלכע איז אים ניט אויסגעקומען אָנצוהייבן, ער האָט נאָר צונויפֿגענומען אַ באַשטימטע גרופּע אינטעליגענץ און געשאַפֿן אַ סך תּלמידים, וואָס האָבן זיך לאַנג אַרומגעטראָגן מיט זײַן נאָמען, פֿאַררופֿן זיך אויף זײַנע אידעען און געווירקט מיט זײַן גלויבן".[17] גינזבורג-נאַומאָוו דערציילט אויך, אַז אין מיטן די 90ער יאָרן זײַנען אַמסטערדאַם און זײַנע חבֿרים אוסישקין און מענדעלעוויטש אַראָפּגעקומען קיין ווילנע, ווו ס׳האָט זיך שוין געהאַט ברייט אַנטוויקלט די אַרבעטער-באַוועגונג, מיטן צוועק צו פֿאַרבינדן זיך מיט די דאָרטיקע טוערס, און דאָ זײַנען זיי שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן. אין זײַנע הוספֿות צו גינזבורג-נאַומאָווס זכרונות דערציילט אַ פּיאָניר פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, איינער פֿון די באַקאַנטע גרינדער פֿון "בונד", וו. צאָגלין (=דוד קאַץ, אָדער "טאַראַס"), אַז צווישן דעם טיפּ ווילנער טוער און דעם וויטעבסקער איז געווען אַ גרונטיקער אונטערשייד. "אויב די ווילנער קען מען אָנרופֿן מתנגדים, זײַנען די וויטעבסקער געווען די "חסידים פֿון סאָציאַליזם": די ווילנער זײַנען אין זייער אַרבעט געווען ניכטער און זאַכלעך, די וויטעבסקער—עקזאַלטירט, און אָפֿט זײַנען זיי געווען אומצופֿרידן מיט דער טרוקנקייט פֿון די ווילנער און מינסקער".[18] "די וויטעבסקער האָט מען בײַ אונדז גערופֿן "מלאכים", מחמת זיי האָבן געלעבט אַזוי ווי אויפֿן הימל". דער מחבר דערקלערט דאָס מיטן גײַסט פֿון "קרוזשקאָווטשינע", מיטן קרײַזלגײַסט וואָס איז געווען אין וויטעבסק זייער שטאַרק; "בײַ די וויטעבסקער האָט נאָך געהערשט די פּסיכאָלאָגיע פֿון פּראָזעליטן, אָנהענגער פֿון עפּעס אַ נײַער אמונה, און אַמסטערדאַם איז געווען זייער נבֿיא".[19]

אַבֿרהם אַמסטערדאַם האָט דורכגעמאַכט עטלעכע גילגולים, ביז ער איז געקומען צו דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג. אָנגעהויבן האָט ער ווי אַ חובֿבֿ-ציון און איז

---

16 ז"ב Революционное движение среди евреев (פֿאַרל׳ "פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס", מאָסקווע 1930), ז׳ 96—99.

17 דאָרטן, ז׳ 103 א"ו.

18 די "טרוקנקייט", וואָס וועגן איר איז דאָ די רייד, איז גאָר ניט געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די מינסקער, און דער בעסטער באַווײַז איז דער אָפּקלאַנג פֿון א. וואַלט-ליעסינס פּראָפּאַגאַנדע אין מינסק אין יענע יאָרן. אגבֿ, איז וואַלט-ליעסין מיט זײַן נאַציאָנאַלן באַנעם פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, זײַנע ברויזנדיקע שטימונגען און אינדיווידועלער השפּעה אין אַ געוויסער מאָס געווען ענלעך צו אַמסטערדאַמען.

19 Рев. движение среди евреев, ז׳ 130.

אַ יונגער בחור, נאָך אין מאָסקווע, אַרײַנגעטראָטן אינעם באַקאַנטן מאָסקווער סטודענטישן קרײַזל „בני-ציון",[20] מסתמא אונטער דער השפּעה פֿון ראובֿן ברײַנין, וואָס האָט געוווינט בײַ די אַמסטערדאַמס אויף קוואַרטיר; ווי מיר וועלן זען ווײַטער, האָט ער אָבער אויך דאָ זיך אויסגעטיילט פֿון די אַנדערע פּאַלעסטינצעס מיט זײַן אייגענעם דרך און זײַן „פּאָלקיזם". לסוף אַנטוישט ער זיך אינעם פּאַלעסטיניזם, וואַרפֿט זיך אַרײַן אין קולטור-פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט, הייבט אָן פֿאַרשפּרייטן פּאָפּולערע ליטעראַטור אין ייִדיש, ווערט צוליב דעם אַ „פּאַקנטרעגער", טראָגט פֿונאַנדער ייִדישע ביכלעך צווישן דער מאַסע אין די ייִדישע שטעטלעך — לויטן מוסטער פֿון די רוסישע „נאַראָדניקעס" אין די 70ער יאָרן. אַלגעמיין-נאַראָדנישע שטימונגען באַוועלטיקן אים אויך דעמאָלט, ווען ער ווערט אַ סאָציאַליסט און פֿאַרנעמט זיך מיט רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. ערשט שפּעטער גייט ער אַריבער אין די רייען פֿון מאַרקסיסטן, אָבער אויך דאָ טראָגט ער אַרײַן אַ שטאַרקע נאַציאָנאַלע שטימונג, ווי דאָס זאָגן עדות זײַנע בני-דור. איינער פֿון זיי, וואָס איז געווען אַ סך ייִנגער פֿון אים, אָבער געדענקט אים גוט — דער באַקאַנטער בונדישער טוער יעקבֿ פּעסקין,[21] גיט אונדז איבער, אַז אין ווילנע (סוף 1896—אָנהייב 1897) איז אַמסטערדאַם אַרויסגעטראָטן איין מאָל מיט אַ קולטור-היסטאָרישן רעפֿעראַט אויף דער טעמע... וועגן דעם קאַמף צווישן חסידים און מתנגדים, באַלויכטן פֿון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט; זײַן רעפֿעראַט האָט געמאַכט זייער אַ שטאַרקן רושם: אַמסטערדאַם איז געווען אַ גלענצנדער רעדנער, און דער עיקר — די טעמע איז געווען לגמרי נײַ. אַזוי האָט זיך געשאַפֿן אין יענע יאָרן די לעגענדע אַמסטערדאַם.

נאָך זײַן טויט איז אין „ייִדישן אַרבעטער", וואָס דער אויסלענדישער קאָמיטעט פֿון „בונד" האָט אַרויסגעגעבן, געווען אָפּגעדרוקט אַ נעקראָלאָג וועגן אים, אַנאָנים, אָבער געשריבן פֿון אַ מענטשן, וואָס איז געווען קענטיק אינטים מיט אים פֿאַרבונדן.[22] ניט געקוקט אויפֿן שטאַרק לירישן און היפּש ביסל נאַיִוון טאָן פֿון דעם נעקראָלאָג, איז ער ביז גאָר אינטערעסאַנט, ווײַל ער פֿירט אונדז אַרײַן אין דער אַטמאָספֿער פֿון דער „לעגענדע אַמסטערדאַם" און ווײַזט אונדז די גײַסטיקע ראַנגלענישן פֿון זײַן פּערזענלעכקייט; דערצו איז דאָס דער איינציקער נעקראָלאָג, וואָס האָט דערשײַנט אין דער פּרעסע. מיר נעמען אַרויס פֿון אים אַ פּאָר לענגערע ציטאַטעס.

„ניט גאַנצע 28 יאָר האָט אַמסטערדאַם אָפּגעלעבט אויף דער ליכטיקער וועלט. און זײַן גאַנץ לעבן איז געווען פֿאַרנומען נאָר מיט אידעען, געדאַנקען און אַרבעטן פֿאַר דעם כּלל. ניט ליכטיק איז געווען זײַן קורץ לעבן. פֿון אויסן אָרעמקייט, שווערע אַרבעט, דינסט אין חייל, געפֿענגעניש". נאָך זײַענדיק אין מאָסקווע האָט ער, אַ 16יאָריקער ייִנגל, געאַרבעט אויף אַ שלאָסער-פֿאַבריק און בײַ נאַכט שטודירט און געלייענט. „די צרות און דער בזיון, וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק לײַדט, האָט אים געקרענקט און זײַן יונגער ליכטיקער גײַסט האָט געזוכט אַ רפֿואה, אַ מיטל ווי אויסצולייזן זײַן אומגליקלעכן פֿאָלק פֿון דעם ביטערן] גלות, און אין דעם מוח פֿון דעם יונגן סלעסער [שלאָסער האָבן זיך געטראָגן פּלאַנען און פּראָיעקטן, חלומות פֿון דער פֿאָריקער צײַט און פֿײַנע שיינע נבֿיאות פֿאַר די צוקונפֿט. אומגליקלעך איז דער ייִד, אומעטום לײַדט ער, טראָגט

20 דאָס קרײַזל „בני-ציון" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1884; פֿון אים זײַנען אַרויסגעקומען אַזעלכע אָנגעזעענע ציוניסטישע עסקנים, ווי י. טשלענאָוו און מ. אוסישקין; אין דעם קרײַזל האָט זיך אויך באַטייליקט ראובֿן ברײַנין.

21 וווינט איצט אין פּאַריז.

22 „דער אידישער אַרבײַטער", נר׳ 7 (אויגוסט 1899, זשענעווע), ז׳ 40—43.

אויף זיך צרות אָן אַ שיעור, קללות פון זײַן גאַנצער געשיכטע... מען מוז זיי [די יידן] עפּענען די אויגן, באַווײַזן דעם ריכטיקן וועג, און דעמאָלט וועט דאָס אָרעמע, אומוויסנדיקע, פאַריאָגטע און פאַרפינצטערטע פאָלק אויפשטיין ווי איין מענטש, אַראָפּוואַרפן פון זיך די קייטן, אַראָפּשיטן פון זיך די קללות פון דעם פינצטערן גלות און אין איין לאַנד וועט זיך צונויפקלײַבן דאָס פאַרשפּרייטע, אונטערדריקטע פאָלק". דער 16יאָריקער אַמסטערדאַם איז געוואָרן אַ „פּאַלעסטינעץ", איז אַרײַנגעטראָטן אין דער מאָסקווער חבֿרה פון יידישע סטודענטן „בני-ציון" און האָט גענומען גרינדן אין אַ ריי שטעט פּאַלעסטינישע חבֿרות מיטן נאָמען „דאָס יידישע פאָלק און די אַרבעט". „ער איז ניט געגאַנגען צו די רבנים און מגידים, צו די גבֿירים און רײַכע בעלי-בתּים, ווי די אַנדערע פּאַלעסטינצעס פלעגן טון; ער איז געגאַנגען צו די אָרעמע אונטערדריקטע יידן". אָבער וואָס ווײַטער האָט ער אַלץ מער אײַנגעזען, אַז „ניט דאָס איז דער וועג צו דער גאולה פון יידישן פאָלק"; „די אַלטע גאולה איז קיין גאולה ניט, דער אַלטער משפּט איז אַ פאַלשער. און אַ נײַער ענטפער איז אים אויפגעגאַנגען פון פאָלק אַליין... די נײַ-זשאַרגאָנישע ליטעראַטור האָט דעמאָלט אָנגעהויבן, און אַמסטערדאַם האָט באַלד אין איר דערזען דעם גרויסן כּוח, וואָס קען אויפוועקן דאָס פאָלק פון שלאָף". „ווען דאָס יידישע פאָלק האָט ניט קיין אייגן לאַנד, זאָל עס דאָך האָבן זײַן אייגענע ליטעראַטור, און דאָ וועט דאָס פאָלק באַווײַזן זײַן כּוח, אויפבויען אַ ליטעראַטור אויף אַ פאָלקס-שפּראַך". אַמסטערדאַם האָט געגרינדעט חבֿרות אַרויסצוגעבן און פאַרשפּרייטן די ליטעראַטור אין דער שפּראַך, „האָט אַליין געשריבן און געוועקט דעם עולם צו שרײַבן און צו דרוקן... ווי אַ פאַקנטרעגער מיט זשאַרגאָנישע ביכלעך אויף די פּלייצעס איז ער אַוועקגעגאַנגען אויף דער לענג פון דווינע פון איין שטעטל אין דאָס אַנדערע... אַזוי האָט ער געלערנט דאָס פאָלק און האָט זיך אויך געלערנט בײַ אים". „באַלד האָט ער אָבער דערזען, אַז דאָס איז נאָך ווייניק, אַז עס וואַקסט אויף אַ נײַע מאַכט, די מאַכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט... „ער האָט דערשפּירט, אַז די [דאָזיקע] מאַכט ווײַזט דעם וועג צו אַ גאולה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט". „די נאַציאָנאַליסטישע חלומות ווערן בײַ אים אַלץ שוואַכער און שוואַכער"—און ער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט. „דאָס איז געווען אין דער צײַט, אַז ער האָט געדינט אין סאָלדאַטן... פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך גערעכנט פאַר אַ מיטגליד פון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער גרופּע".

אָבער, שרײַבט ווײַטער דער מחבר, די שיטה פון מאַרקסן איז אים אַ לאַנגע צײַט ניט געווען געפעלן, זי גיט אַ צו פּראָסטע דערקלערונג. „אַגבֿ האָט ער געמיינט, אַז די יידישע געשיכטע, וועלכע די יידישע היסטאָריקער רופן אָן „די געשיכטע פון גײַסט", קען מען בשום אופן ניט דערקלערן מיט דער פּראָסטער מעטאָדע פון מאַרקס". אָבער אַז ער האָט גענומען גרינדלעכער שטודירן, האָט ער זײַן מיינונג געענדערט און איז געוואָרן אַן אָנהענגער פון מאַרקסיזם. „די יידישע געשיכטע, פלעגט ער זאָגן, מוז נאָך געשריבן ווערן. אַלץ, וואָס מען האָט איבער איר געשריבן ביז איצט, איז מער ניט ווי ביאָגראַפיעס פון רבנים, אָדער אַ רשימה פון הריגות און אונטערדריקונגס-געזעצן". ער האָט גענומען זאַמלען היסטאָרישן מאַטעריאַל, אָבער געמוזט אָפּלייגן אין אַ זײַט, ווײַל ער איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דעם טעגלעכן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. מיט הייסער ליבע, דערציילט ווײַטער דער מחבר, פלעגט אַמסטערדאַם צוגיין צו די פּשוטע מענטשן: „אַן אַלטע יידענע, וואָס זיצט איבער איר זאַק און דעם קרבן-מנחה, אַ יונגער חדר-ייִנגל, אַ מגיד פון בית-המדרש, אַ פאַרשלאָגענע דינסטמיידל — צו אַלעמען פלעגט ער צוגיין מיט ליבע און פלעגט אין זיי וועקן זייערע בעסטע געפילן, פלעגט זיי בילדן און דערציִען צו פײַנע, געזונטע, קאַמפלוסטיקע מענטשן. און די דאָזיקע נפשות, זײַנע תּלמידים, גייען אַוועק אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך און פאַרשפּרייטן די אידעען פון סאָציאַליזם איין פאָלק". „זײַן הויפּטאַרבעט איז אָבער געווען צווישן די אַרבעטער... זעלטן וועלכן אַגיטאַטאָר האָבן די אַרבעטער אַזוי ליב געהאַט,

ווי אַמסטערדאַמען". „נאָך לאַנג וועלן מיר זיך ניט קענען טרייסטן אויף דער אָבֿדה"— פֿאַרענדיקט דער מחבר.[23]

פֿון דעם דאָזיקן נעקראָלאָג, ניט געקוקט אויף זײַן סטיל פֿון נאַיִווער אידעאַליזאַציע, שטייט אויף פֿאַר אונדז די אָריגינעלע געשטאַלט פֿון אַמסטערדאַמען, אַ גײַסט אַן אומרויִקער, וואָס האָט דורכגעמאַכט פֿאַרשיידענע גילגולים און איז טראַגיש אומגעקומען אין די יונגע יאָרן. און הגם אין די הערצער פֿון זײַנע חבֿרים האָט ער איבערגעלאָזט אַ טיפֿן שפּור, איז ער אָבער אין די אַלגעמיינע רייען פֿון דער באַוועגונג גיך פֿאַרגעסן געוואָרן — געוויס אַ סך גיכער, ווי ער האָט דאָס פֿאַרדינט.[24]

דער פֿאַל אַמסטערדאַם האָט געפֿונען פּלאַץ אין אונדזער שיין־ליטעראַטור. ז. שניאור אין זײַנע קינדער־זכרונות וועגן שקלאָוו באַשרײַבט, אין די קאַפּיטלען „אַ דערטרונקענער", די געשטאַלט פֿון אַמסטערדאַמען, זײַן טראַגישן סוף און דעם נײַעם גײַסט, וואָס האָט דורך אים, דעם „פֿאַרשיקטן", זיך אַרײַנגעריסן אינעם שטילן ייִדישן שטעטל.[25] „אַ שלאַנקער פּאַרשוין — באַשרײַבט שניאור — מיט אַ פּאָר גרינע, אַ ביסל בולטע אויגן. זײַנע בלאָנדע האָר זענען אויס פֿרעמד, זײַן שמייכל פֿרעמד, זײַן גאַנג פֿרעמד"; „אין גאַס, בקאָמפּאַניע מיט נאָך חבֿרה, האָט מען אים קיין מאָל ניט געזען, נאָר פֿאַר נאַכט הייבן עפּעס אָן צו נישטערן אַרום זײַן הײַזקע מאָדנע שאָטנס, אָנגעטאָן ווי שלעפּערס, גנבֿענען זיי זיך שטיל ווי די רוחות". אין שטעטל איז געוואָרן אַ מורמלערײַ: „דער נכתבֿ[26] פֿירט איבער די יונגוואַרג", „ער רייצט אָן די בעלי־מלאָכות". אַז ער איז דערטרונקען געוואָרן, האָבן אייניקע ייִדן געזאָגט, אַז „דאָס האָט אים „קאַזנאַ" געמאַכט דעם קונץ", אַנדערע — אַז ער איז אַריבערגעשווומען דעם דנעפּער און איז גאָר אַנטלאָפֿן געוואָרן. בעת זײַן געפֿונענער קערפּער איז געבליבן ליגן אַליין, נאָר מיטן „דעסיאַטניק", האָבן „יונגען אין אונטערגעגאַרטלטע רויטע העמדלעך" אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף אים אַ רויטע פֿאָן און רויטע מאָנבלומען און זײַנעט פֿאַרשוווּנדן. באַגראָבן האָט מען אים לעבן פּלויט פֿון בית־עולם, בײַ דער שײַן פֿון לאַמטערנעס, און באַגלייט האָבן אים נאָר די זשאַנדאַרן און די „בלאָנדע פֿרוי". אָבער נאָך האַלבער נאַכט האָט דער קבֿרות־מאַן מיט שרעק דערהערט אַ געזאַנג פֿון ניט ווייניק העלדזער, „און געצויגן האָט זיך דער געזאַנג פֿון דעם נײַעם קבֿר בײַם פּלויט. עפּעס אַ מאָדנער ניגון... דאָס איז געווען דער ניגון פֿון דער מאַרסעליעזע, וואָס האָט אַרײַנגעדרונגען אין שקלאָוו צום ערשטן מאָל". און שפּעטער איז אין שטעטל „עפּעס אַ מין רוח אַרײַן אין דעם יונגוואַרג, דער גילגול פֿון דעם דערטרונקענעם האָט זיך צעשאָטן אין אַ סך געשטאַלטן פֿון חוצפּה און ווידערשפּעניקייט. אַפֿריִער אין דער שטיל, דערנאָך האָט זיך עס פֿאַרנומען ווי אַ פֿײַער. דינסטמיידלעך האָבן זיך גענומען שטעלן קעגן בעלי־הביתטעס, מתנגדים קעגן חסידים, בעלי־מלאָכות קעגן מײַסטערס, שקאָלניקעס קעגן לערערס, קינדער קעגן טאַטעס. קיין

---

23 אין דעם נעקראָלאָג ווערט אַגבֿ אָנגעוויזן, אַז נאָכן אַרעסט אין ווילנע איז אַמסטערדאַם געזעסן אין די טורמעס פֿון ווילנע, ווילײקע און וויטעבסק; תּחילת האָט מען זײַן פֿרוי ניט דערלויבט צו באַזוכן אים און ער האָט דערקלערט אַ הונגערשטרײַק; לסוף איז ער קראַנק געוואָרן און דעמאָלט האָט מען אים באַפֿרײַט און אַרויסגעשיקט אונטער אויפֿזיכט קיין שקלאָוו.

24 אַ גאָר קורצע ביאָגראַפֿישע נאָטיץ וועגן אַמסטערדאַמען איז אָפּגעדרוקט אינעם ביאָ־ביבליאָ־גראַפֿישן לעקסיקאָן פֿון רעוו' טוער (רוס', פֿאַרלאַג „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"), ב' 5 (סאָצ'־דעמאָקראַטן), העפֿט 1, ז' 87; אין דער ביבליאָגראַפֿיע איז דאָרט, חוץ דעם אַרט' אין „ייִדישן אַרבעטער", כּמעט גאָרנישט אָנגעגעבן. בײַ נ. בוכבינדערן, געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווערט ער דערמאָנט אין קאַפּיטל וויטעבסק מיט קאַרגע 3 שורות... דער פֿולער ערשטער נאָמען פֿון אַמסטערדאַמען איז געווען אַבֿרהם־מאיר.

25 ז. שניאור, פֿעטער זשאָמע (ווילנע 1930, פֿאַרל' ב. קלעצקין), 2טער טייל: „אַ דערטרונקענער".

26 אַזוי האָבן די ייִדן אין שטאָט גערופֿן אַמסטערדאַמען, — ער איז געווען אַ נכתבֿ אין שקלאָוו.

מאָל האָט שקלאָוו ניט געהאַט אַזוי פֿיל מחלוקתן. אַן אומגליק! די פֿאַרשווונדענע שאָטנס פֿון „הינטער די פֿאַרקאַנטס” האָבן עפּעס געגומען אָפּלעבן, געוואָרן ממשותדיקער. יונגע לײַט האָבן אין דער שטיל גענומען לייענען „פּאַפּירלעך מיט פּיצלעך אותיות”. דאָס ליד, וואָס איז צום ערשטן מאָל דערהערט געוואָרן פֿון אַמסטערדאַמס פֿרישן קבֿר, האָט אָנגענומען פֿאָרמען און ווערטער, האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אין שטאָט און צעגאָסן זיך איבער אַלע הינטערגעסלעך — און אין אַ שטיקל צײַט אַרום האָט אין שקלאָוו אויסגעבראָכן דער ערשטער שטרײַק...

א. טשער.

## III. עמיל אַבראַמאָוויטש

ד"ר עמיל אַבראַמאָוויטש געהער אייגנטלעך ניט צו די פֿאַרגעסענע טוערס פֿון דער באַוועגונג: אין דער געשיכטע פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווערט זײַן נאָמען ניט איין מאָל דערמאָנט, הן אין איר גאָר ערשטער תּקופֿה און הן אין די שפּעטערדיקע, ביז נאָך דער רעוואָלוציע. אָבער די לעצטע יאָרן זײַנען אין דער סאָוועטישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ ריי זכרונות וועגן זײַן זעלטענער פּערזענלעכקייט און וועגן זײַן ראָלע פֿון אַ פּיאָניר פֿון מאַרקסיזם אין „תּחום” און אין רוסלאַנד בכלל. חוץ דעם זײַנען אויך פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן זײַנע בריוו פֿון די שפּעטערדיקע יאָרן, וואָס פֿירן אונדז אַרײַן אינעם אינטימסטן קרײַז פֿון זײַנע יידישע איבערלעבונגען און געפֿילן.

עמיל אַבראַמאָוויטש איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין 1884, נאָך זײַענדיק אַ סטודענט, געבראַכט פֿון אויסלאַנד די מאַרקסיסטישע אידעען, תּחילת קיין מינסק, אַ ביסל שפּעטער קיין ווילנע, דערנאָך קיין קיעוו—און פֿון דאַנען האָבן זיי זיך פֿאַרשפּרייט איבער די אַנדערע שטעט. די דאָזיקע אידעען, צוגעמאָסטן פֿאַר רוסלאַנד, זײַנען דעמאָלט ערשט פֿאָרמולירט געוואָרן פֿון דער נײַ געגרינדעטער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ” (1883), בראָש מיט פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָדן און ווערא זאַסוליטש, און אין רוסלאַנד זײַנען זיי נאָך ניט געווען באַקאַנט. דער צווייטער ייִד נאָך אַבראַמאָוויטשן, וואָס האָט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אין 1888, געבראַכט קיין רוסלאַנד די זעלביקע אידעען און די ערשטע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור אין רוסיש, איז געווען דער סטודענט ראַפֿאַיִל סאָלאָווייטשיק פֿון גראָדנע, וואָס האָט שטודירט אין דער שווייץ, איז דאָרטן געשטאַנען נאָענט צו פּלעכאַנאָווס גרופּע און איז געווען ווי אַ מין שליח פֿון איר.[1]

ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן עמיל אַבראַמאָוויטשעס יוגנט-יאָרן גיט אונדז זײַן שוועסטער, מ. מאַקאַרעוויטש, אין אירע זכרונות, וואָס זײַנען אַרויס אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך זײַן טויט. מײַן ברודער — שרײַבט די שוועסטער — איז געבוירן געוואָרן אין גראָדנע אין 1864. דער פֿאָטער איז געווען אַ צאָנדאָקטאָר; די מוטער איז דערצויגן געוואָרן אין דײַטשלאַנד, אין ברעסלוי; דער זיידע איז געווען אַ באַקאַנטער יידישער

---

1 ראַפֿאַיִל סאָלאָווייטשיק האָט געשטאַמט פֿון אַ רײַכער סוחרישער פֿאַמיליע אין גראָדנע; ער האָט שטודירט אין ציריכער פּאָליטעכניקום, ווו ער האָט זיך פֿאַרבונדן מיט דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ”, און קומענדיק צוריק קיין רוסלאַנד אין 1888 האָט ער מיטגעבראַכט אַ טראַנספּאָרט מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, האָט באַזוכט אַ ריי שטעט (גראָדנע, קיעוו, אָדעס) און אָנגעקניפּט פֿאַרבינדונגען. אין 1889 איז ער אַרעסטירט געוואָרן און אַרײַנגעזעצט אין פּעטראָפּאַוולער פֿעסטונג. אין זײַנע גבֿיות-עדות האָט ער זיך ניט אײַנגעהאַלטן און אויסגעזאָגט פֿון חדר און מחמת דעם זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אַ ריי פּערזאָנען. ער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף 4 יאָר תּפֿיסה, אָבער אין תּפֿיסה איז ער פּסיכיש קראַנק געוואָרן און האָט זיך שפּעטער גענומען דאָס לעבן. זע אַרט׳ פֿון נ. בוכבינדער אין Каторга и Ссылка נו׳ 27 (1926), ז׳ 7 א״וו (ווערן אויך געבראַכט זײַנע גבֿיות-עדות).

געלערנטער, וואָס האָט איבערגעזעצט די ביבל אין דײַטש.[2] אין גימנאַזיע איז עמיל געווען פֿון די בעסטע תּלמידים און זייער באַליבט בײַ די חבֿרים. פֿון דער פֿריִער יוגנט אָן האָט ער געגעבן לעקציעס און זײַן גאַנצן פֿאַרדינסט אָפּגעגעבן דער מוטער — דער מאַטעריעלער מצבֿ פֿון דער פֿאַמיליע איז געווען אַ שלעכטער. מיט פּאָליטיק האָט זיך עמיל פֿאַראינטערעסירט זייער פֿרי, כּמעט נאָך אַ צעניאָריק קינד. די גימנאַזיע האָט ער געענדיקט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, אָבער איז געווען אַזוי באַשיידן, אַז ער האָט דעם מעדאַל באַהאַלטן פֿון די עלטערן. נאָך דעם זײַנען די עלטערן אַריבערגעפֿאָרן קיין מינסק. אין 1882 איז עמיל אַוועקגעפֿאָרן שטודירן אין פּאַריז און איז אַרײַן אין דער סאָרבאָנע, אויפֿן מעדיצינישן פֿאַקולטעט. אין 1884 איז ער געקומען זען זיך מיט די עלטערן, אָבער איבער דער מוטערס קראַנקייט איז ער שוין צוריק ניט געפֿאָרן און איז אָנגעקומען אין דאָרפּאַטער אוניווערסיטעט, כּדי צו זײַן נעענטער צו די עלטערן. אין 1888 האָט ער דאָ באַקומען דעם דיפּלאָם פֿון אַ דאָקטאָר.[3]

אַבראַמאָוויטשעס נאָענטסטער חבֿר אין דער מינסקער אַרבעט, איסאַק הורוויטש, דערציילט אין זײַנע זכרונות,[4] אַז זומער 1884 איז אַבראַמאָוויטש דער סטודענט געקומען אויף וואַקאַציעס קיין מינסק, האָט זיך פֿאַרבונדן מיט אייניקע אַרבעטער זעצערס און געגרינדעט אַ פּראָפּאַגאַנדע-קרײַזל. „אַבראַמאָוויטש האָט געהאַט אַ אויסערגעוויינטלעכע השפּעה אויף די אַרבעטער, ניט בלויז ווי אַ טאַלאַנטפֿולער לעקטאָר, נאָר אויך ווי אַ מענטש מיט זעלטענע גײַסטיקע אייגנשאַפֿטן, וואָס איז מיט לײַב און לעבן, מיט דער גרעסטער מסירת-נפֿש געווען איבערגעגעבן דער זאַך". בעת איסאַק הורוויטש איז אין 1885 געקומען פֿון דער פֿאַרשיקונג אין סיביר צוריק קיין מינסק, האָט אַבראַמאָוויטש פֿאַרן אָפּפֿאָרן סוף זומער צוריק אין אוניווערסיטעט אים איבערגעגעבן זײַנע קרײַזלעך. יעדן זומער אויף וואַקאַציעס פֿלעגט אַבראַמאָוויטש ווידער קומען קיין מינסק. אַזוי איז עס געווען ביזן יאָר 1888, ווען ער האָט געענדיקט אין דאָרפּאַט, באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר און האָט זיך באַזעצט אין קיִעוו. דער פּלאַן פֿון אַרבעט אין די קרײַזלעך, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט אויסגעאַרבעט, דערציילט ווײַטער הורוויטש, איז געווען אַזאַ: די קרײַזלעך האָבן זיך געטיילט אין דרײַ שטאַפּלען: 1) קרײַזלעך פֿון רוסישער „גראַמאַטע", 2) קרײַזלעך פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט און 3) קרײַזלעך סאָציאַליסטישע, וווהין עס פֿלעגן אָנגענומען ווערן נאָר יענע, וואָס זײַנען אַדורך די ערשטע צוויי. „אַבראַמאָ-וויטשעס פּלאַן פֿון „זאַניאַטיעס" האָט זיך געהאַלטן אין די קרײַזלעך פֿון צפֿון-מערבֿדיקער געגנט אין משך פֿון דער איבער צעניאָריקער פּראָפּאַגאַנדיסטישער תּקופֿה פֿאַר דער אָרגאַניזירונג פֿון „בונד". אין די זכרונות פֿון צ. קאָפּעלזאָן („טימאָפֿעי") ווערט דערציילט, אַז אַבראַמאָוויטש איז פֿון מינסק אַראָפּגעקומען אויף אַ פּאָר טעג קיין ווילנע און מיטגעבראַכט זײַן פּראָגראַם פֿאַר די קרײַזלעך, „ער האָט אונדז געגעבן אַזוי צו זאָגן דעם פּאָדעם, וואָס לויט אים האָבן מיר באַדאַרפֿט פֿירן די פּראָפּאַגאַנדע צווישן

---

2 וואָסער ייִדישער געלערנטער, וואָס האָט „איבערגעזעצט די ביבל אין דײַטש", ווערט דאָ געמיינט — איז ניט קלאָר.

3 זכרונות וועגן ע. אַבראַמאָוויטשן פֿון זײַן שוועסטער מ. מ אַ ק אַ ר ע װ י ט ש אין Каторга и Ссылка נר׳ 40 (1928), ז׳ 131—133. די ביאָגראַפֿיע פֿון אַבראַמאָוויטשן זע אויך אין ב י אָ - ב י ב ל י אָ ג ר׳ ל ע ק ס י ק אָ ן פֿ ו ן ד י ר צ ו ו׳ ט ו ע ר, ב׳ 5 (סאָציאַל-דעמאָקראַטן), העפֿט 1, ז׳ 6—7, וווּ ס׳איז אויך אָנגעגעבן די ליטעראַטור וועגן אים אין רוסיש; זע אויך דעם ז״ב „רויטע בלעטער", ב׳ 1 (מינסק 1929), זכרונות וועגן די פּראָפּאַגאַנדע-קרײַזלעך אין מינסק פֿון יע. ה ו ר װ י ט ש, דריטע הערה.

4 „די ערשטע ייִדישע אַרבעטער-קרײַזלעך", געדר׳ אין Былое 1907 (פּעטערבורג), נר׳ 6, ז׳ 65 א״וו. איסאַק הורוויטש דאָס איז דער באַוווּסטער ייִדיש-אַמעריקאַנישער שרײַבער און טוער ד״ר יצחק-אײַזיק הלוי איש הורוויטש.

די אַרבעטער".[5] דער זעצער ראַפאַיל סווערדלאָוו פון מינסק, וואָס האָט פון די ערשטע אָנגעהויבן די פּראָפּאַגאַנדע אין ווילנע, אין 1887—1889, און געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף די אַרבעטער, איז געווען אַבראַמאָוויטשעס אַ תלמיד.[6] דער ערשטער היסטאָריקער פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וו. אַקימאָוו, שרײַבט, אַז אין 1886–1887 איז אַבראַמאָוויטש אַ פּאָר מאָל געקומען פון מינסק קיין ווילנע, ער האָט מיטגעבראַכט פלעכאַנאָווס בראָשור „נאַשי ראַזנאָגלאַסיאַ" און אין אַ ריי הייסע דיסקוסיעס מיט די ווילנער רעוואָלוציאָנערן האָט ער פאַרטיידיקט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, וואָס זײַנען שוין געווען אָנגענומען אינעם מינסקער קרײַזל, ווי חוץ אַבראַמאָוויטשן האָט זיך אויך באַטייליקט הורוויטש און זײַן שוועסטער (געמיינט — זשעניע הורוויטש). „די ווילנער נאַראָדאָוואָלצעס זײַנען פון אַבראַמאָוויטשן ניט איבער-געצײַגט געוואָרן נאַטירלעך, אָבער די יינגערע חברים האָבן צעריסן מיט זייערע פירערס און געמאַכט די התחלה פון דער ערשטער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע".[7]

אַלע ביאָגראַפן פון אַבראַמאָוויטשן שילדערן אים, ווי אַ פילזײַטיק געבילדעטן מענטשן, און דער עיקר—ווי אַ זעלטענע מאָראַלישע פּערזענלעכקייט. א. הורוויטש שרײַבט, אַז דער 19—20 יאָריקער סטודענט אַבראַמאָוויטש איז געווען „אַ מערקווירדיק פעיקער און געבילדעטער יונגער מאַן". אַן אמתער דעמאָקראַט לויט זײַן נאַטור נאָך, האָט ער זיך געהאַלטן חבריש און ווי אַן אייגענער מיט די אַרבעטער און איז געווען בײַ זיי שטאַרק באַליבט און געשעצט. זשעניע הורוויטש שרײַבט אויך, אַז אַבראַמאָוויטש האָט ממש פאַרפישופט מיט זײַן פּערזענלעכקייט און בײַ די אַרבעטער איז ער געווען פשוט פאַרגעטערט. ער איז געווען באַקאַנט אונטער זײַן פּאַרטיי-נאָמען „דער ווײַסער שוסטער". „אין יענער צײַט אין מינסק — שרײַבט זי ווײַטער—האָט ער אייגנטלעך נאָך ניט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי, ער איז געווען סתם אַ רעוואָלוציאָנער, ווי דאָס רובֿ מיטגלידער פון אונדזער גרופּע. אָבער בעת בײַ אַ סך פון אונדז זײַנען נאָך געווען געגנוג שטאַרק די נאַראָדנישע טענדענצן און זיי האָבן דעם שווערפּונקט פון דער אַרבעט געזען אין דאָרף, האָט אַבראַמאָוויטש אַרויסגערוקט דעם זעלבשטענדיקן ווערט פון פּראָפּאַגאַנדע צווישן די שטאָטישע אַרבעטער; ער האָט צוליב דעם אויסגעאַרבעט אַ ברייטע פּראָגראַם, און היות ווי די דערצו נייטיקע ליטעראַטור איז געווען זייער קנאַפּ, האָט ער אַליין צונויפגעשטעלט נאָטיצן וועגן אַלע פּראַגעס פון זײַן פּראָגראַם, וואָס זײַנען נאָך אַ לאַנגע צײַט געווען אין אומגאַנג צווישן די אַרבעטער".[8]

אין 1889 איז אַבראַמאָוויטש אַריבערגעפאָרן קיין קיעוו. דאָרט האָט ער פּראַקטיקירט ווי אַ דאָקטאָר און געפירט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט זיך אויסגעלערנט שלאָסערײַ, בכדי צו געפינען אַ וועג צו די אַרבעטער, און איז דאָ געוואָרן דער איניציאַטאָר און אָנפירער פון דער ערשטער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע אין דרום-רוסלאַנד. דער באַרימטער שעף פון דער מאָסקווער „אָכראַנע" זובאַטאָוו גיט אין איינעם פון די ראַפּאָרטן אַזאַ כאַראַקטעריסטיק פון אים: „אַבראַמאָוויטש — דער „ווײַסער שוסטער",

---

5 זע ז״ב Революционное движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז' 53.

6 דאָרטן, ז' 70.

7 וו. אַקימאָוו (מאַכנאָוועץ), Очерки развития социал-демократии в России (פּעטערבורג 1906; געקירצט אַרויס פריִער אין זשענעווע), ערשטער קאַפּ' וועגן ווילנע.

8 זכרונות פון יע. [זשעניע] הורוויטש וועגן אַבראַמאָוויטשן אין Каторга и Ссылка נר' 40, ז' 134—136, אויך אירע זכרונות וועגן די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטן-קרײַזלעך אין מינסק אין „רויטע בלעטער", ב' 1 (מינסק 1929); פ״גל אויך איר מיטטײלונג אויף דער זעלביקער טעמע אינעם צײַט' ז״ב Рев. движение среди евреев — ז' 35 א״וו.

לויט זײַן צונעמעניש — האָט פּרינציפּיעל קיין רײַכע ניט געהיילט, בײַ אָרעמע פּלעגט ער קיין געלט ניט נעמען; זײַן חיונה האָט ער געצויגן פֿון עפּעס אַ מלאָכה און האָט פֿאַרדינט גראָשנס, האָט געלעבט ווי אַ האַלב הונגעריקער קבצן און האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן נאָר מיט פּראָפּאַגאַנדע. מען האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ הייליקן".[9] אין אַ יאָר אַרום איז ער אַרעסטירט געוואָרן, לויט אַ מסירה פֿון אַ פּראָוואָקאַטאָר; זײַנע חבֿרים און די אַרבעטער האָבן אים געוואָלט העלפֿן אַנטלויפֿן פֿון טורמע, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, ווײַל ס'איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַ ריזיקע. אין 1890 ווערט ער אַריבערגעפֿירט אין דער נײַער פּעטערבורגער טורמע „קרעסטי". ער איז דאָ אָפּגעזעסן צוויי יאָר צײַט און איז ערנסט קראַנק געוואָרן אויף סקאָרבוט און אַרטעריאָסקלעראָז. אין די זכרונות וועגן אים ווערט דערציילט אַזאַ פֿאַקט: אַ קראַנקער, איז ער געלעגן אין זײַן קאַמער אַ פֿאַרשוואָלענער, אַ פֿאַרחלשטער אָן זינען; די טורמע-אויפֿפּאַסערס האָבן באַשלאָסן, אַז ער איז טויט, און האָבן אַראָפּגעטראָגן זײַן קערפּער אין מאָרג; צופֿעליק האָט דער דאָקטאָר פֿון טורמע אויפֿגעהויבן דעם לײַלעך, מיט וועלכן ער איז געווען איבערגעדעקט, און באַמערקט, ווי זײַנע ליפּן באַוועגן זיך און בעטן טרינקען; מען האָט אים אַריבערגעטראָגן אין שפּיטאָל, וווּ ער איז שפּעטער געקומען צו זיך. נאָך דעם פֿאַל איז ער אויפֿן גאַנצן לעבן פֿאַרבליבן אַ הינקעדיקער.[10] אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען אים אין 1892 פֿאַרשיקט אין ווײַטן סיביר, אין יאַקוטסקער געגנט. זײַן פֿאָטער, צו יענער צײַט אַן אַלטער מאַן פֿון 72 יאָר, האָט אים לײַדנשאַפֿטלעך ליב געהאַט; פֿאַר דעם זונס פֿאַרשיקונג איז ער געקומען קיין פּעטערבורג געזעגענען זיך מיט אים און אָן האָפֿענונג ווען ניט איז צו זען ווידער זײַן איינציקן זון, איז ער צוריקגעקומען קיין קיִעוו און דאָרט זיך גענומען דאָס לעבן...[11]

אַבראַמאָוויטש איז געווען פֿאַרשיקט אין אָלעקמינסק (יאַקוטסקער געגנט), וווּ ער האָט באַקומען די דערלויבעניש צו פֿאַרנעמען זיך מיט זײַן פּראָפֿעסיע און האָט פּראַקטיקירט פֿיר יאָר צווישן די אַרבעטער פֿון די גאָלדגרובן, פֿרײַוויליק און מיט גרויס מסירת-נפֿש געאַרבעט אויף דער עפּידעמיע פֿון כאָלערע און טיפֿוס און איז געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג אין דער גאַנצער געגנט. ער איז געווען דער אמתער טיפּ פֿון אַ דאָקטאָר-הומאַניסט; פּלעגט ניט נאָר היילן די נויטבאַדערפֿטיקע אומזיסט, נאָר איבערלאָזן זיי פֿון זײַן געלט, האָט געפֿירט צווישן זיי אויך אַ קולטור-אַרבעט — „ער איז געווען איינער פֿון די קולטור-טרעגער אין סיביר", שרײַבט וועגן אים זײַנער אַ בן-דור.[12] די באַפֿעלקערונג האָט אים ניט אַנדערש גערופֿן ווי „דער גוטהאַרציקער דאָקטאָר". בעת ער האָט אין 1896 פֿאַרלאָזט אָלעקמינסק, האָבן אים די אײַנוווינער געשאָנקען אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַן אויפֿשריפֿט, דערלאַנגט אַ דאַנקאַדרעס און אַרויסבאַלייט מיט טרערן. עס ווערט דערציילט אַזאַ סצענע: „אַ המון אַרבעטער, מיט זייערע פֿרויען און קינדער, האָבן באַלייט אַבראַמאָוויטשן צו פֿוס עטלעכע ווערסט הינטער שטאָט, און לויטן ווונטש פֿון די אַרבעטער איז פֿאַרויס געגאַנגען דער גלח לאַוורענטי מיטן קרייץ".[13] שפּעטער האָט זיך אַבראַמאָוויטש

---

9 מיר ציט' לויט נ. בוכבינדער, די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, קאַפּ' 3 (אָריגינאַל פֿון ראַפּאָרט אין אַרכיוו פֿון געזו' פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט).

10 זכרונות פֿון וועראַ איידלמאַן וועגן אַבראַמאָוויטשן און זײַן חבֿר ל. בערקאָוויטש אין דעם ציט' נומער 40 פֿון Каторга и Ссылка ז' 136—141.

11 דאָרטן, די ציט' זכרונות פֿון אַבראַמאָוויטשעס שוועסטער מ. מאַקאַרעוויטש.

12 זע די זכרונות וועגן דער פֿאַרשיקונג אין ווײַטן סיביר פֿון ג. ציפּעראָוויטש, За полярным кругом (לענינגראַד 1924), ז' 28 א״וו.

13 Кат. и Ссылка נומ' 40, די ציט' זכרונות פֿון וועראַ איידלמאַן און מ. מאַקאַ-רעוויטש; אויף ז' 141 ווערט געבראַכט דער טעקסט פֿון אָלעקמינסקער אַדרעס, פֿונעם 21סטן מאַי 1896.

פּריווילּיק ווידער אומגעקערט אויף אַ געוויסער צײַט קיין סיביר און געאַרבעט ווי אַ דאָקטאָר אין די גאָלדגרובן. אין 1912, בעת ער איז שוין געווען אין קאַטערינאָסלאַוו, איז ער ווידער אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרשיקט אויף עטלעכע יאָר קיין מערבֿ-סיביר. אין דער צײַט צווישן די פֿאַרשיקונגען האָט ער געלעבט אין פֿאַרשיידענע שטעט אין טיף רוסלאַנד און האָט זיך באַטייליקט אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעט (אין סאַראַטאָוו א״אַ). בעת דער מלחמה האָט ער געאַרבעט ווי אַ דאָקטאָר אויפֿן פֿראָנט און נאָך דער רעוואָלוציע האָט ער זיך ווידער באַזעצט אין סאַראַטאָוו, וווּ ער איז שוין פֿאַרבליבן ביזן טויט. ער איז תּמיד געווען אַן אַקטיווער „מענשעוויק" און אין 1919 איז ער דערפֿאַר אַרעסטירט געוואָרן אין סאַראַטאָוו און ווידער אָפּגעזעסן אין טורמע אַ האַלב יאָר צײַט.[14] אין 1922 איז ער אין סאַראַטאָוו געשטאָרבן פֿון טיפֿוס.

ד״ר אַבראַמאָוויטש האָט כּמעט זײַן גאַנץ לעבן געלעבט ווײַט פֿונעם ייִדישן תּחום און אָפּגעריסן פֿון די ייִדישע מאַסן, וואָס צו זיי האָט ער אין די יונגע יאָרן דער ערשטער אַרײַנגעטראָגן די טעאָריע פֿון מאַרקסיזם. אינגעוויינטיק אָבער האָט ער זיך די גאַנצע צײַט געפֿילט אינטים פֿאַרבונדן מיט די דאָזיקע מאַסן. אידעיִש איז ער געשטאַנען נאָענט צום „בונד", אָבער פֿאַרוואָגלט קיין סיביר און אין טיף רוסלאַנד האָט ער זיך אין דער אַרבעט פֿון „בונד" אַקטיוו ניט באַטייליקט. נאָך זײַן טויט זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אייניקע בריוו זײַנע, פֿאַר דער צײַט פֿון 1914—1917, וואָס זאָגן עדות וועגן די שטאַרקע נאַציאָנאַל-ייִדישע אינטערעסן, וואָס האָבן פֿאַרנומען זײַן געמיט; די בריוו זײַנען געשריבן צו זײַן אַלטער באַקאַנטער פֿון מינסק, זשעניע הורוויטש. כּמעט אין יעדער בריוו קערט ער זיך אום ווידער און ווידער צו דער אָנגעווייטאָגטער ייִדישער פֿראַגע און יעדער בריוו איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפֿן אומרו פֿאַרן גורל פֿון ייִדן און מיט אַ געפֿיל פֿין נאַציאָנאַלן פּעסימיזם. מיר ברענגען דאָ אייניקע ציטאַטן.

„אויף דער וועלט וואַקסן איצט אָן גרויסע געשעענישן — שרײַבט ער אין מערץ 1914 פֿון אַ סיבירער דאָרף... נײַע האָריזאָנטן עפֿענען זיך פֿאַר דער מענטשהייט. אָבער די דאָזיקע האָריזאָנטן ווערן וואָס ווײַטער אַלץ מער פֿאַרוואָלקנט — פֿאַר מיר בכל אופֿן — מיט דער ייִדישער פֿראַגע און מיט ייִדישע לײַדן. איך בין דערבײַ נאָר אַ צוקוקער אָבער איך קוק זיך צו מיט אַן אימה, ווי די רדיפֿות אויף ייִדן ווערן וואָס ווײַטער אַלץ גרויזאַמער און חוצפּהדיקער... ווּו איז דער אויסוועג? ניט עמיגראַציע, ניט פּאַלעסטינע וועלן ניט ענדערן דעם מצבֿ פֿון דער ייִדישער מאַסע, וואָס איר איז ווילנדיק אָדער ניט-ווילנדיק באַשערט צו בלײַבן אין גלות... מיט דער דעמאָקראַטיזירונג פֿון דער מלוכה-אָרדענונג קען אַזאַ ענדערונג קומען, אָבער ווען וועט דאָס געשען און וואָס וועט דאָס מיט די ייִדן ווערן ביז יענער צײַט? און וואָס פֿאַר אַ שרעקלעכע דעמאָראַליזאַציע די דאָזיקע רדיפֿות טראָגן אַרײַן אין דער ייִדישער סבֿיבֿה! איך מיין דאָ די רענעגאַטן, די עפּידעמיע פֿון שמד, וואָס נעמט אָן די שווידערהאַפֿטסטע פֿאָרמען. וואָס איז ווערט דער פֿאַקט, וואָס גאַנצע גרופּעס יוגנט שמדן זיך אָפּ, בכדי צו קענען אַרײַן אין די לערנאַנשטאַלטן?... און דאָס ווערט געטאָן ניט ביחידות, באַהאַלטענערהייט, נאָר גרופּעסווײַז, בקול רם, מיט אָפֿענע אויפֿרופֿן אין די צײַטונגען, מיט השתּדלותן בײַ די אוניווערסיטעטן, מיניסטעריומס, בײַם הייליקן סינאָד און אַפֿילו בײַ פּורישקעוויטשן. און דאָס טוט אָפּ די ייִדישע אינטעליגענטע יוגנט, די „זאַלץ פֿון פֿאָלק"... ווּו האָט זיך אַהינגעטאָן דער געפֿיל פֿון חרפּה?"[15] אין עטלעכע וואָכן אַרום נאָכן אויסבראָך פֿון דער וועלט-מלחמה שרײַבט ד״ר אַבראַמאָוויטש: „אין מערבֿ-רוסלאַנד רופֿן זיך אָפּ די

14 דאָרטן, זכרונות פֿון יע. הורוויטש; דערבײַ אַ צושריפֿט פֿון דער רעדאַקציע: „אַרעסטירט פֿאַר אַרויסטרעטן קעגן דער ראַטנמאַכט".

15 דאָרטן, בריוו פֿון אַבראַמאָוויטשן צו יע. הורוויטש פֿון 23סטן מערץ 1914, ז׳ 143.

געשעענישן באַזונדערס שווער, הן מאַטעריעל און הן מאָראַליש, אין דער ערשטער ריי אויפֿן ייִדן, אויפֿן ייִדישן „תּחום". צו אַלע פּריִערדיקע פּורעניותן פֿון רעכטלאָזיקייט, פּאָגראָמען און באָיקאָט זײַנען נאָך צוגעקומען די גרוילן פֿון מלחמה. וויפֿל ייִדיש בלוט וועט נאָך פֿאַרגאָסן ווערן, וויפֿל ייִדישע משפּחות וועלן חרובֿ ווערן לתּפֿארת דעם רוסישן פּאַטריאָטיזם! און ווײַטער וואָס?"[16] מיט צוויי חדשים שפּעטער קערט ער זיך אום ווידער צו דער פֿראַגע, אין אַ בריוו, געשריבן שוין פֿון פּעטערבורג: „וואָס וועט ווערן מיט דער באַפֿעלקערונג פֿון יענע געגנטן, וואָס געפֿינען זיך אין צענטער פֿון די קריגס־אָפּעראַציעס? וואָס וועט ווערן מיט די ייִדן, וואָס לעבן איבער די שרעק פֿון דער אַמאָליקער הײַדאַמאַטשינע?" די פֿראַגע וועגן דעם גורל פֿון ייִדן בעת דער מלחמה לאָזט אים ניט רוען אויך שפּעטער, און זומער 1915 שרײַבט ער ווידער: „די שחיטה וואַקסט אַלץ מער און מער, און מ'זעט ניט קיין סוף... וויפֿל מכּות מצרים האָבן די ייִדן נאָך אויסצושטיין? אין קאָפּ בײַ מיר האָבן זיך אַלע פּערספּעקטיוון איבער־געפּלאָנטערט. כ'ווייס ניט וואָס צו דערוואַרטן און ווייס אַפֿילו ניט וואָס צו וועלן";
„די גרוילן פֿון מלחמה האָבן זיך איצט אָנגערוקט אויף אײַער היימשטאָט [מינסק]; מײַן היימשטאָט [גראָדנע] האָט זיי שוין איבערגעלעבט... וואָס וועט ווערן מיט די אַלע אַרויסגעטריבענע, וואָס וועט ווערן מיט דער אויסגעברענטער און חרובֿ געוואָרענער ערד?... וווּהין וועט מען סוף כּל סוף פֿאַרשיקן די ייִדן — צי טאַקע קיין סיביר?"
„אָבער וואָס גייט דאָס אַלץ אָן אונדזערע סקיטישע פּאַטריאָטן?"[17]

מיר וועלן ברענגען נאָך אַן אויסצוג פֿון זײַנעם אַ בריוו, געשריבן באַלד נאָך דער רעוואָלוציע, אין מערץ 1917: „איך האָב ניט געהאָפּט צו דערלעבן דעם קראַך פֿון צאַריזם. עס וואָלט זיך וועלן דערלעבן יענע צײַט, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן און ווען ייִדן וועלן באַקומען גלײַכע רעכט מיט אַלעמען. די מלחמה וועט זיך נאַטירלעך אַ מאָל ענדיקן... אָבער די ייִדישע גלײַכבאַרעכטיקונג קען איך זיך אַלץ ניט פֿאָרשטעלן, ווי איך שטרענג ניט אָן מײַן כּוח־הדמיון... אַז דער „זשיד" זאָל אין דער ווירקלעכקייט באמת ווערן אַ פֿולבאַרעכטיקטער בירגער פֿון דער רוסישער מלוכה, דאָס איז לחלוטין ניט מעגלעך"...[18] די דאָזיקע ווערטער זײַנען געשריבן געוואָרן גראָד אין יענעם טאָג, ווען די צײַטווײַליקע רעגירונג אין פּעטערבורג האָט אונטער־געשריבן דעם געזעץ וועגן גלײַכע רעכט פֿאַר ייִדן. אָבער דער טיפֿער פּעסימיזם פֿון אַבראַמאָוויטשן וועגן דעם גורל פֿון ייִדן אין רוסלאַנד איז גאָר אין גיכן באַרעכטיקט געוואָרן דורך די טראַגישע געשעענישן פֿון בירגערקריג און פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד און דעם גוואַלדיקן אויסבראָך פֿון אַנטיסעמיטיזם אין די קרײַזן פֿון קאָנטער־רעוואָלוציע איבער גאַנץ רוסלאַנד.

א. טשער.

---

16 דאָרטן, בריוו פֿונעם 17טן סעפּטעמבער 1914, ז' 144.

17 דאָרטן, בריוו פֿון 20סטן דעצעמבער 1914 און 26סטן אויגוסט 1915.

18 דאָרטן, בריוו פֿון 23סטן מערץ 1917.

# בלעטלעך פֿון אַ לעבנס־געשיכטע

## פֿון אננאַ ראָזענטאַל (ווילנע)

### I

מײַן קינדהייט. — די באָבע. — דער באַרג אַרויף פֿון אונדזער משפּחה.

געבאָרן בין איך דעם 14טן אָקטאָבער 1872 אין וואָלקאָוויסק, אַ געוועזענע קרײַז־שטאָט פֿון גראָדנער גובערניע. אין די אַכציקער יאָרן פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט זי געציילט אַ באַפֿעלקערונג פֿון 6.000 נפֿשות, אין דעם ייִדן — בײַ 3.000. ס׳איז געווען אַ שטילע ליטווישע שטאָט, אָן קיין שום אינדוסטריע. די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט געלעבט פֿון פויער, די רײַכערע האָבן זיך פֿאַרנומען דער עיקר מיט וואַלד־מסחר און טראַנספּאָרטירט געהילץ קיין דײַטשלאַנד.

אונדזער משפּחה האָט געהערט צום „פּאַטריציאַט" פֿון וואָלקאָוויסק און איז געווען פֿאַרקרובֿעט און פֿאַרמהותנעוועט מיט די איבעריקע מיוחסדיקע משפּחות פֿון שטאָט, ווי די זאַבלודאָווסקעס, וואָלקאָוויסקעס, ליפּשיצעס און אַנד׳. פֿון וואַנען האָט זיך גענומען דער יחוס פֿון אונדזער משפּחה, ווייס איך אייגנטלעך ניט. דער זיידע איז געווען דער פּאַטריאַרך, דער גרונדלייגער פֿון שבֿט, וואָס איז שוין אין מײַנע קינדער־יאָרן באַשטאַנען פֿון אַ היפּש ביסל נפֿשות. דער זיידע האָט פֿון דער באָבן געהאַט 6 זין און 2 טעכטער, אויסער דעם האָט ער געהאַט פֿון דער ערשטער פֿרוי נאָך אַ טאָכטער, וועלכע האָט צום יחוס ניט געהערט; זי האָט געוווינט אין יעזשאָר (אָזשאַר), ניט ווײַט פֿון גראָדנע, און איז געווען ניט רײַך. יעדער זון האָט שוין געהאַט צו אַ פּעקל קינדער; מײַנע עלטערן — 7, מײַן פֿעטער פֿײַוועס, וועלכער האָט געוווינט אין איין שטוב מיט אונדז, אויך אַזוי פֿיל, און אַזוי ווײַטער. נאָר די צוויי טעכטער האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון כּלל און געהאַט איינע 2 קינדער און די אַנדערע — בסך־הכּל איין טאָכטער.

אין דער משפּחה האָט מען זיך געגרייסט מיט דעם, וואָס מען שטאַמט פֿון דעם „תּוספֿות יום־טובֿ", אָבער איך האָב איין מאָל געהערט פֿון מײַן פֿאָטער, אַז דאָס איז גאָר ניט אַזוי זיכער; דער איינציקער גרונד צו דעם איז, דוכט זיך, געווען — דער פֿאַמיליע־נאָמען: דער „תּוספֿות יום־טובֿ" האָט געהייסן העליר, און אין אונדזער משפּחה האָט מען דווקא געהאַלטן פֿאַר אַ כּבֿוד צו שרײַבן די פֿאַמיליע אויפֿן דײַטשן שטייגער: מיט צוויי למדן און אַן ע׳ פֿאַרן ר׳: העללער, און ניט העליר. בכלל זײַנען די פֿעטערס און נאָך דעם אויך זייערע קינדער געווען גרויסע בעלי־גאוות, זיך געהאַלטן שטענדיק פֿאַר די אייבערשטע פֿון שטייסל און אויף אַנדערע געקוקט פֿון אויבן אַראָפּ, אַפֿילו אויף גבֿירים, וועלכע זיי האָבן דאָס רובֿ געהאַלטן פֿאַר אויפֿגעקומענע, פֿאַר פּאַרוועניוס, און נאָר זיך אַליין פֿאַר „פּערוואָראָדנע" מיוחסים.

די באָבע איז געווען די אשת־חיל. זי האָט געפֿירט די געשעפֿטן, געקויפֿט וועלדער, געהאַלטן אין אַרענדע הויפֿן און ברײַזער, שטענדיק אַרומגעפֿאָרן, פֿון איין פֿור אויף אַ צווייטער. זי האָט געשמט מיט איר שׂכל און ענערגיע אין דער גאַנצער געגנט, און דעם נאָמען „טויבע" פֿלעגט מען אַרויסרעדן מיט גרויס דרך־ארץ. זי איז געווען אַ הויכע, ברייטע, מאַיעסטעטישע ייִדענע, שטענדיק אין אַ שוואַרצן זײַדענעם טשעפּיק מיט בלומען



פּ. אַנמאַן – פּאַוועל ראָזענטאַל

(1924 – 1872)




אַננאַ ראָזענטאַל

און שפּיצן. מיר האָט זיך קינדווײַז אויסגעדוכט, אַז זי איז שטענדיק יום-טובֿדיק אויסגע-פּוצט און איז גאָר ניט ענלעך צו אַלע די, וואָס איך האָב געזען אַרום. דער פּנים איז שוין דעמאָלט געווען בײַ איר אין טיפֿע קנייטשן, זי האָט געהאַט אַ דיקן גוידער, אַרומ-גענומען פֿון עטלעכע שנירלעך גרויסע פּערל. די שניר פֿלעגן מיט בענקשאַפֿט קוקן אויף די דאָזיקע פֿײַנע פּערל.

אין שטאָט האָט די באָבע געהאַט אַן אַכסניה אין איר הויז. זי אַליין האָט דאָרט אויך געוווינט. דאָס הויז איז געווען דאָס שענסטע אין שטאָט — אַ ווײַס געמאָלטס, מיט אַ גרויסן פֿײַנעם גאַנעק. די אַכסניה איז אויך געווען די בעסטע אין שטאָט, דאָרטן פֿלעגן פֿאַרפֿאָרן נאָר פּריצים און רוסישע טשינאָווניקעס, פֿאַר ייִדן איז זי געווען צו טײַער.

באַלד ווי די באָבע פֿלעגט אַראָפּגיין פֿון פֿור, האָט זיך שוין גענומען הערן איר קול: זי האָט געשריען אויף די שניר, אויף די משרתים, אויף די דינסטמיידלעך און אויף יעדן איינעם, וועמען ס'איז איר נאָר געקומען אונטער דער האַנט. אין אַ פֿליגל אויפֿן הויף האָט געוווינט נאָך אַ יונגער באַווײַבטער זון; אַ ביסל ווײַטער, אין אַ באַזונדער הויז, אַ טאָכטער מיטן מאַן. דאָס אַלץ האָט געהערט צו דער הויפּטקוואַרטיר, וווּ ס'האָט אומבאַגרענעצט געהערשט די באָבע. די גאַנצע צײַט, וואָס זי האָט פֿאַרבראַכט אין שטאָט, האָט זי כּסדר אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען מיט פּריצים, מיט כּלערליי ייִדן – סוחרים, מעקלערס וכדומה.

דער זיידע איז געווען אַ שטילער באַשיידענער מענטש, ניט קיין הויכער, אַ מאָגערער און בלאַסער. פֿון ווי לאַנג איך געדענק אים, האָט ער זיך שוין אין די געשעפֿטן ניט געמישט, ער איז געווען שוואַך אין געזונט און איז שטענדיק געזעסן אין אַ שלאָפֿראָק און מאָרגנשיך פֿאַר אַ ספֿר. ער איז געווען אַ שווײַגער. זעלטן ווען מען האָט געהערט זײַן קול. ער האָט זיך אַ ביסל פֿאַרנומען מיט דער בעל-הבתישקייט, געהאַקט צוקער אויף אַ מאַשינקע, געטיילט אויף קליינינקע שטיקעלעך און מכבד געווען די אייניקלעך מיט טיי. צו דער באָבען זײַנען מיר געגאַנגען שבת בײַטאָג צו גאַסט. זי פֿלעגט אונדז געבן ניס און זייער שטרענג מיט אונדז רעדן. מיר האָבן שטאַרק מורא געהאַט פֿאַר איר. אָבער ניט נאָר מיר, קינדער — אונדזערע מאַמעס ניט ווייניקער פֿאַר אונדז. אַלע זײַנען געווען אָפּהענגיק פֿון איר: זי האָט אַרײַנגעשיקט אויף חיונה.

די באָבע האָט ניט געקענט שרײַבן און ניט לייענען; אַלע חשבונות האָט זי געפֿירט אויפֿן קאָפּ. קיין מזל-ברכה, זעט אויס, איז אין דעם ניט געווען. ניט געקוקט אויף אַלע אירע פֿאַרצווײַגטע אונטערנעמונגען, איז איר נאָך דער ליקווידאַציע פֿון די געשעפֿטן גאָרנישט געבליבן. קיין לײַכטער מענטש איז די באָבע ניט געווען, און די זין און שניר האָבן דאָס גוט געפֿילט. די מוטער אונדזערע פֿלעגט אונדז אָפֿטמאָל דערציילן, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין פֿון דער בייזער שוויגער, און פֿלעגט זיך דערבײַ ניט קענען אײַנהאַלטן פֿון טרערן, און מיר נאָך איר. די ערשטע ווײַב פֿון מײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה בײַ דער געבורט פֿון דריטן קינד, דער פֿאָטער איז געבליבן מיט צוויי פּיצינקע קינדער און מיט אַ נײַ געבאָרענעם. די פֿאַרשטאָרבענע פֿרוי האָט געהאַט אַ ייִנגערע שוועסטער פֿון אַ יאָר 16. ווי עס האָט זיך געפֿירט בײַ ייִדן, האָט מען פֿאַרשדכנט דעם פֿאָטער מיט דער ייִנגערער שוועסטער, און אין עטלעכע חדשים אַרום איז מײַן מוטער — אַליין נאָך אַ קינד — געוואָרן אַ מוטער פֿון איר שוועסטערס דרײַ קינדער, אַ בעל-הביתטע אין שטוב און אַ קרעמערקע אין אַ באַקאַליי-געשעפֿט, וואָס די באָבע האָט דעמאָלט געהאַלטן. די מוטער (זי האָט געשטאַמט פֿון סעמיאַטיטש) איז געווען אַ מיזינקע, זייער אַ ציטעריקע בײַ אירע עלטערן. זי האָט געבענקט אַהיים, מורא געהאַט פֿאַר דער שוויגער און פֿלעגט גאַנצענע נעכט אָפּוויינען. דער פֿאָטער איז זעלטן ווען געווען אין שטאָט, און ס'איז ניט געווען, וועמען עס זאָל זיך פֿאַר איר אָננעמען.

אויף דער עלטער, ווען די באָבע האָט ליקווידירט די געשעפֿטן און געבליבן נאָר בײַ דער אַכסניה, איז זי געוואָרן פֿיל ווייכער. דער זיידע איז עטלעכע יאָר פֿאַרן טויט

געלעגן אין בעט — ער האָט זיך צעבראָכן אַ פוס. די באָבע האָט געזאָרגט וועגן אים און איבערגעגעבן אויפגעפּאַסט אויף זײַן געזונט. חוץ המועד סוכות און פסח פלעגן זיך צונויפפאָרן די קינדער און אייניקלעך פון די הויפן (מײַנע עלטערן האָבן שוין דעמאָלט אויך געוווינט אין אַ הויף), און דער באָבעס הויז פלעגט ווערן פול מיט טומל און געלעכטער. די באָבע איז געווען שטאָלץ מיט אירע אייניקלעך. איך געדענק, ווי באַגײַסטערט זי איז געוואָרן, ווען זי האָט דערזען, ווי איך שרײַב אַ בריוו אין רוסיש: „ווי אַ וואַסער" — האָט זי זיך שפּעטער באַרימט פאַר אירע באַקאַנטע פּריצים. זי האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַן עין-הרע און ניט געלאָזט אונדז אַרויסגיין אין גאַס אַלע מיט אַ מאָל — צוזאַמען מיט דעם וואָלקאָוויסקער נאָכוווקס זײַנען מיר באמת געווען אַ גאַנץ היפּשע חבֿרה.

די באָבע האָט אויף אַ צענדלינג יאָר איבערגעלעבט דעם זיידן און אויך מײַן פאָטער און מוטער; זי איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער אין יאָר 1904 אָדער 1905. ביזן סוף פון איר לעבן האָט זי געבעלי-בתעוועט אין דער אכסניה, וואָס האָט זיך שוין מיט דער צײַט פאַרוואַנדלט אין אַ „האָטעל". אָבער דאָס אַלטע פײַנע הויז איז שוין מער ניט געווען; אויף זײַן אָרט איז אויסגעבויט געוואָרן אַ מער הײַנטמאָדישער און גרויער בנין, וואָס האָט גאָרניט געהאַט דעם פריערדיקן חן. דאָס אַלטע הויז איז פאַרברענט געוואָרן בעת אַ גרויסער שריפה אין יאָר 1887, וואָס האָט אַראָפּגעטראָגן כמעט די גאַנצע שטאָט; עס זײַנען דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן די הײַזער פון מײַנע עלטערן און פון אַלע מײַנע מומעס און פעטערס, וואָס האָבן געוווינט אין וואָלקאָוויסק. אויסער דער באָבן האָט זיך קיינער פון זיי צוריק ניט אָפּגעבויט.

איך בין דעמאָלט גראָד געווען מיט מײַן עלטערער שוועסטער צו גאַסט בײַ דער באָבען. איך געדענק נאָך ווי איצט די שרעקלעכע קולות: „פּאָזשאַר, פּאָזשאַר", וואָס האָבן זיך אין אַ זומער פאַרטאָג דערטראָגן פון גאַס. ס'איז שווער צו באַשרײַבן די פּאַניק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע גרויסע הויז. צוערשט האָט מען באַדאַרפט אַרויס-טראָגן דעם זיידן, וועלכער האָט זיך ניט געקענט רירן פון אָרט; מען האָט אים אַריבער-געטראָגן אויפן פעלד בײַם ברעג פון טײַך. אַהין האָט מען אויך געבראַכט צו שלעפּן די זאַכן. דאָרטן האָבן זיך שוין געוואַלגערט הונדערטער פאַמיליעס מיט די בעבעכעס און מיט די קליינע קינדער, וואָס האָבן געיאָמערט און פאַרגרעסערט די פּאַניק. אַ געדיכ-טער רויך האָט געשלאָגן פון די אַרומיקע גאַסן. אין עטלעכע שעה אַרום האָבן אָנגעהויבן פאַלן פונקען אויף אונדזער לאַגער און מען האָט ווײַטער גענומען אַריבערטראָגן דעם זיידן און די זאַכן אין אַן אָפּגעלעגענערן אָרט. ערשט צו אָוונט צו האָט דאָס פײַער אָפּגעטראָטן, ס'איז שוין ניט געבליבן מער קיין שפּײַז פאַר דעם אין צענטער פון שטאָט. מיר זײַנען אַוועקגעגאַנגען נעכטיקן צו באַקאַנטע אין אַ זײַטיקער געסל און זײַנען געשלאָפן אויף פּעקלעך זאַכן, אָבער מיר איז געווען מאָדנע פרײלעך און אינטע-רעסאַנט. אויף מאָרגן האָט מען געשיקט נאָך אונדז פערד פון הויף און מיר זײַנען אַוועקגעפאָרן אַהיים. איך האָב זיך געפילט ווי נאָך אַ גרויסער און פריילעכער איבערלעבונג.

אין אַלגעמיין האָט די באָבע געהאַט אַ גוטן עלטער און געהאַט נחת פון אירע קינדער און אייניקלעך. מיט דער צײַט האָבן זיך די פעטערס אַרויפגעאַרבעט און זײַנען געוואָרן זייער רײַך. אויף אונדזער משפחה האָט מען געקענט שטודירן די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם בײַ די רוסישע ייִדן אין יענע יאָרן. דער באָבעס געשעפטן האָבן נאָך געטראָגן דעם כאַראַקטער פון ערשטער קאַפּיטאַל-אָנזאַמלונג; אירע דרײַ זין האָבן געהאַלטן אין אַרענדע הויפן און דערבײַ צוגעהאַנדלט מיט וועלדער; דער פערטער זון איז פון אַ קליינעם האָלצהענדלער געוואָרן בהדרגה אַ גרויסער סוחר, וואָס האָט שוין געפירט אַן אינטערנאַציאָנאַלן וואַלדהאַנדל. ער האָט געקויפט וועלדער אויף טויזנטער דעסיאַטין, געהאַט קאָנטאָרן אין בערלין און אין וואַרשע, מיט הונדערטער אָנגעשטעלטע, האָט באַשעפטיקט טויזנטער פּויערים אין זײַנע וועלדער און זעגמילן, אַליין געוווינט

אין בערלין, אין אַ פּרעכטיקער אייגענער ווילע אין גרונעוואַלד, און געפֿירט אַ פֿיר־שטלעך לעבן. זײַן פֿאַרמעגן האָט מען געשאַצט אין מיליאָנען. מײַן עלטערער ברודער איז געווען דירעקטאָר און אַקציאָנער פֿון שערעשעווסקיס טאַבאַק־פֿאַבריק אין גראָדנע. אין דער פֿאַבריק האָבן פֿאַר דער מלחמה געאַרבעט אַ פּאָר טויזנט אַרבעטער. אין מײַנע קינדער־יאָרן איז דאָס נאָך געווען אַ קליין פֿאַבריקל, און אין משך פֿון אַ צענדלינג יאָר איז זי אויסגעוואַקסן צו איינער פֿון די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען אין אונדזער געגנט. מײַן שוועסטערס מאַן האָט געהאַט אַ כעמישע פֿאַבריק אין ווילנע. מײַן ברודערס איידעם איז געווען אַ גרויסער ליוועראַנט און געבויט באַנען און בריקן אין צענטראַל־רוסלאַנד, געהאַט דאָרט אייגענע הויפֿן און וועלדער. די שוועסטערקינדער זײַנען געווען פֿאַבריקאַנטן אין ביאַליסטאָק, האָראָדאָק, לאָדזש און אַזוי ווײַטער. מיט איין וואָרט — אַ קליינע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט, אין וועלכער מען האָט געקענט געפֿינען אַלע מינים ווירטשאַפֿטן.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך, וואָס די גאַנצע משפּחה האָט ניט אויסגעטיילט פֿון זיך כמעט קיינעם, וואָס זאָל זיך באַטייליקן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; חוץ איייניקע אויסנאַמען, זײַנען זיי אַלע געווען ווײַט פֿון יעטווידער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט בכלל. דער עלטערער דור איז געווען אַרײַנגעטאָן אין געשעפֿט, דער ייִנגערער — טייל־ווײַז אין געשעפֿטן און טיילווײַז האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט גרויס דערפֿאָלג מיט פֿאַרלעבן און צעטרענצלען אין פֿאַרשיידענע אייראָפּעיִשע גרויסשטעט די קאַפּיטאַלן, וואָס די פֿאָטערס האָבן אָנגעקליבן. די רוסישע רעוואָלוציע האָט איבערגעריסן דעם דאָזיקן פּראָצעס פֿון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און געמאַכט אַ תּל פֿון די אַלע עשירות. נאָר יחידים האָט זיך אײַנגעגעבן אײַנצואָרדענען זיך אין פּוילן, אָבער דער אַלטער גלאַנץ פֿון דער משפּחה איז פֿאַרשוווּנדן.

## II

מײַן פֿאָטער. — מיר פֿאָרן אַריבער אין אַ הויף. — מײַנע ערשטע זכרונות. — די „צײַטווײַליקע תּקנות“. – דער טויט פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

מײַן פֿאָטער האָט פֿאַראייניקט אין זיך די פֿעיִקייטן פֿון דער באָבען און די שטילקייט און געלאַסנקייט פֿון זיידן. מען האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ פֿעיִקן סוחר און זייער אָרנטלעכן מענטשן. ער איז געווען דער בכור און דער הויפּטטוער אין דער באָבעס געשעפֿטן; אויסער דעם האָט ער געהאַט אייגענע געשעפֿטן. ער האָט געוווינט מיט דער פֿאַמיליע אין אַ הויז, וואָס איז, ווי אַלע באָבעס געשעפֿטן, געווען בשותּפֿות מיט דעם צווייטן ברודער, דעם פֿעטער פֿײַוועס. דאָס הויז איז געווען אַ הילצערנס, דורך אַ לאַנגן קאַלטן קאָרידאָר צעטיילט אין דער לענג אויף צוויי גלײַכע טיילן. דער פֿעטער פֿײַוועס האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ שותּף אין דער באָבעס געשעפֿטן, אָבער קיין שום אָנטייל האָט ער אין זיי ניט גענומען. בכלל איז ער געווען אַ שטיקל בטלן; האָט ליב געהאַט צו זיצן לאַנג אין בית־מדרש, אַרײַנקוקן אין אַ ספֿר, האָט פֿיל פֿאַרבראַכט מיט זײַנע קינדער. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער און סימפּאַטישער מענטש; מען פֿלעגט זאָגן בײַ אונדז, אַז אַפֿילו כוואָסטאָוו, דער ריכטער פֿון שטעטל, אַ באַוווּסטער שונא־ישׂראל, האַלט אויך, אַז פֿײַוועס העללער איז דער אָרנטלעכסטער ייִד אין וואָלקאָוויסק.

סוף די אַכציקער יאָרן זײַנען די געשעפֿטן בײַם פֿאָטער אַוועק שלעכט; די חובֿות זײַנען שטאַרק געוואַקסן. מיט גרויס מי האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו קריגן אַ סומע געלט און נעמען אין אָרענדע צוויי הויפֿן, אַ ווערסט 35 פֿון וואָלקאָוויסק — אין דער ריכטונג צו ביאַליסטאָק. דוכט זיך, אַז זײַן מחותּן, דער גראָדנער טאַבאַק־פֿאַבריקאַנט שערעשעווסקי, האָט אים אויסגעליִען דאָס געלט און דערפֿאַר געהאַט אַ חלק אין געשעפֿט.

דער פאָטער מיט דער פאַמיליע, וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען פון 5 קינדער — דער עלטסטער זון איז שוין געווען אַ חתונה-געהאַטער און האָט געוווינט אין גראָדנע, האָט זיך אַריבערגעקליבן אין יאָר 1878 אין איינעם פון די צוויי אַרענדירטע הויפן, און פון יענער צייט אָן זיינען די געשעפטן אַוועקגעגאַנגען גאַנץ גוט און די פאַמיליע, וועלכע האָט זיך פאַרגרעסערט מיט נאָך אַ טאָכטער, האָט געלעבט גאַנץ פאַרמעגלעך ביזן טויט פון פאָטער און אויך שפּעטער.

איך בין געווען דאָס פינפטע קינד ביי מיין פאָטער (איין טאָכטער איז געשטאָרבן) און דאָס דריטע ביי מיין מוטער. צווישן די קינדער איז געווען אַן אונטערשייד לערך אין $2^1/_2$–3 יאָר. איך הייב זיך אָן צו געדענקען פון זייער פרי. די מוטער פלעגט ניט גלייבן, ווען איך פלעג איר דערציילן מיט אַלע פּרטים, ווי מיר האָבן זיך געטרונקען אין אַ טייך—דוכט זיך, זי האָט געהייסן שאַרע—אויפן וועג פון זעלווע קיין וואָלקאָוויסק. די מוטער איז געווען מיט מיר זומער צו גאַסט ביים פעטער לעבן זעלווע; אויף צוריק-וועגס האָט זיך דאָס וואַסער אין טייך געהויבן און פאַרגאָסן די בריטשקע, אויף וועלכער מיר זיינען געפאָרן. איך געדענק ווי איצטער דעם פאַרטאָגיקן הימל, די ברויזנדיקע וואַסער-כוואַליעס, וואָס האָבן אונדז שוין אויף אַ העלפט דערגרייכט. די מוטער האָט אויסגערעכנט, אַז מיר איז דעמאָלט געווען ניט מער ווי אָנדערטהאַלבן יאָר. נאָך דעם קומט אַן איבעררייס אין מיין זיכרון לערך אויף אַ יאָר. איך געפין זיך שוין אין אונדזער הויז אין וואָלקאָוויסק. עס איז דער ברית פון מיין ברודער, יינגער פאַר מיר מיט $2^1/_2$ יאָר. די מוטער ליגט אין בעט, אַרום איר זיצן אַ סך מומעס, איך קום אַריין פון גאַס, מען האָט מיך מיט דער דינסטמיידל ערגעץ געשיקט. אַלע מומעס רופן מיך צו זיך, איך וויל ניט גיין און איינע פון זיי גיט מיך אַ צי פאַר דער קעשענע פון מיין נייעם פאַרטעכל און רייסט עס אָפּ. איך וויין זיך פונאַנדער און אַלע טרייסטן מיך, אַז מען וועט מיר מאַכן אַ ניי פאַרטעכל.

מיר גייט שוין דאָס זעקסטע יאָר. אין שטוב איז אַ צערודערונג, מען פּאַקט זיך די גאַנצע נאַכט. מען וועקט מיך אויף און מ׳זעצט מיך אַרויף אויף אַ בריטשקע און איך שלאָף ווייטער איין. איך כאַפּ זיך אויף, ס׳איז שוין ליכטיק, פאַר מיינע אויגן אַ מאָדנע בילד: פון ביידע זייטן וועג גרינע פעלדער מיט הויכע זאַנגען, די לופט איז מאָדנע געשמאַק, ס׳בלאָזט אַ לייכט ווינטל. מיר דוכט זיך, אַז ס׳איז אַ חלום. באַלד פאָרן מיר צו צו אַ פיינעם הויז מיט אַ גאַנעק. אַנטקעגן לויפן אַרויס עטלעכע מענטשן, יידן און קריסטן. פייגע-רבקה, מיין אַלטע באַקאַנטע פון וואָלקאָוויסק, דערלאַנגט צום טיש מילך, פוטער און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן. און דאָ הייבט זיך אָן פאַר אונדז קינדער אַ ניי לעבן, אַ לעבן אַ פריים און אַ פריידיקס.

דער פאָטער האָט געלאָזט נאָך זיך אין וואָלקאָוויסק חובות – און מען האָט זיך אַריבערגעקליבן אין דער שטיל, ביי דער נאַכט, כדי ניט צו האָבן קיין סיכסוכים מיט די קרעדיטאָרן. די חובות האָבן שטאַרק געדריקט דעם פאָטער. אין יענע נאַיווע צייטן האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסער חרפה ניט צו צאָלן קיין חובות, באַזונדערס פאַר אַזאַ חשובן סוחר, ווי מיין פאָטער איז געווען. איך דערמאָן זיך, מיט וואָס פאַר אַ פאַר-אַכטונג מען האָט אויסגערעדט ביי אונדז אין שטוב דאָס וואָרט „אָנזעצער". דאָס איז געווען אַ חיסרון צו אַ שידוך, כמעט ווי אַ משומד אין דער משפחה.

די הויפן האָבן געגעבן ניט קיין שלעכטע הכנסה, און יעדער וואָך פלעגט מען אָפּשיקן קיין וואָלקאָוויסק עטלעכע רובל אויף צו דעקן די חובות און עטלעכע רובל פאַרן פעטער פייוועוון, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ שותף, הגם, ווי עס פלעגט זיך שטענדיק באַקלאָגן מיין מוטער, ער האָט ניט אַריינגעלייגט אין געשעפט ניט קיין געלט און ניט קיין אַרבעט. אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען דער פאָטער האָט אויסגעבויט אויך אַ ברויז, האָט ער אויסגעצאָלט דעם פעטער פייווע אַ באַשטימטע סומע, און צו דער שותפות האָט גענומען אַ סוף. אַרום דעם ענין האָט זיך געפירט, געדענק איך, אַ לאַנגע

און פּייַנלעכע מחלוקת, מיט אַ דין־תּורה; דער בורר איז געווען דער מחותּן שערע־שעווסקי. מיר קינדער האָבן געפּילט נאָך דער שטימונג נאָך אין שטוב, ווי שווער עס איז אַלץ צוגעגאַנגען.

נאָך אַ פּייַנלעכע איבערלעבונג איז בייַ מיר פאַרבליבן אין זכּרון. עס זייַנען אין יענער צייַט ארויסגעגאַנגען די אַזוי גערופענע „צייַטווייַליקע תּקנות" פון יאָר 1882, מיט די גזירות אויף ייִדן. לויט די דאָזיקע תּקנות, ווי באַקאַנט, האָבן ייִדן ניט געטאָרט זיך באַזעצן אין דערפער, אַרענדירן הויפן, האַלטן דאָרט שענקען און אַז"וו. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שרעקלעכע מהומה בייַ די אָרעמיקע ייִדן; בייַ אונדז אין שטוב איז אויך געווען חושך. מען האָט אויף גיך אַראָפּגעבראַכט אַ נאָטאַריוס, וועלכער האָט צונויפ־געשטעלט אַ קאָנטראַקט אויף דער אַרענדע פון די הויפן נאָך אויף 6 יאָר. ווי איך פאַרשטיי, האָט מען דאָס אויסגעשטעלט מיט אַ פריערדיקער דאַטע, איידער די תּקנות זייַנען אַרייַן אין קראַפט. דער בעל־הבית פון מאַיאָראַט, צו וועמען עס האָבן געהערט די הויפן, באַראָן ביספּינג, אַן אַלטער פּוילישער אַריסטאָקראַט, איז געווען דערויף מסכּים; אין זייַנע צאַלרייַכע הויפן האָבן געוווינט אַ סך ייִדן – אַרענדאַרן, פאַקטערס, שענקערס און אַנדערע. זייער פּייַנלעך זייַנען געווען די וויזיטן פון פריץ בייַ אונדז אין הויף, צום גליק זעלטענע – איין מאָל אין יאָר. דעם גאַנצן טאָג קוקט מען אים אויס; דער גאַנצער הויף איז אויף די פיס. ענדלעך באַווייַזט זיך פון ווייַטן אַ וואָלקן שטויב און צום גאַנעק פאָרט צו אַ קאָטש מיט 6 פערד נאַשפּיק. די קאַמערדינערס שפּרינגען אַרויס און טראָגן כּמעט אויף די הענט אַראָפּ דאָס מאָגערע קליינע מענטשעלע; די פויערים וואַרפן זיך קושן אים דעם אַרבל, די מער חשובֿע טראָגט ער אַליין צו גנעדיק די האַנט צום קושן. נאָך זייַן טויט איז דער מאַיאָראַט אַריבער צו זייַן ברודער און נאָך דעם צום פּלימעניק; די באַציִונגען זייַנען שוין געוואָרן איינפאַכער און די געצנדינערייַ האָט אויפגעהערט. אין פּוילן האָט מען די מאַיאָראַטן אָפּגעשאַפט און די הויפן זייַנען פאַר־צעלירט געוואָרן. דעם אַלטן באַראָנס פּלימעניק — דער לעצטער אייגנטימער פון דעם מאַיאָראַט — האָט געהאַט אַ פּראָצעס, וועלכער האָט אין זייַן צייַט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל; מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט דערשאָסן זייַנעם אַ פרייַנד, דעם גראַף לובעצקי. דער פּראָצעס האָט זיך געצויגן יאָרן, און שוין נאָך דער מלחמה, אין דעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, איז ער אָפּגעזעסן זייַן שטראָף אין טורמע.

צו מייַנע פּריסטע זכרונות געהער נאָך אַן אַנדער וויכטיקע געשעעניש: דער טויט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. בשכנות מיט אונדזער הויף, אין אַ קליין שטעטעלע האַלינקע, האָט געוווינט אַן אייגנטימער פון אַ מיל, אַן אַלטער ייִד אַ חסיד, רב שמעון. ער האָט געהאַט אַ ווייַב גנעסיע, אַ פּיל ייִנגערע פון אים; זי האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט מיט איר מאַנסבילשן קאָפּ און מיט איר בריהשקייט. זי האָט עס געפירט דעם גאַנצן געשעפט, אייַנגעקויפט בייַ פריצים די תּבֿואה און איז שטענדיק אַרומגעפאָרן איבער די הויפן. זייער שטוב איז געווען אָפן פאַר אַלעמען; מענטשן פלעגן קומען און אַוועקפאָרן, קיינער האָט ניט געפרעגט, ווער זיי זייַנען און פון וואַנען קומען זיי. דעם גאַנצן טאָג האָט געקאָכט דער סאַמאָוואַר אויפן טיש און ס'איז געלעגן אַ לאַבן ברויט; אין קיך האָט מען אויך שטענדיק געקענט קריגן אַ שיסעלע געקעכטס. בייַ דער נאַכט פלעגט מען זיך אויסלייגן אויף דער פאָדלאָגע און אויף די קאַנאַפּעס. גנעסיע האָט ניט שטאַרק געוואָלט לייַדן דעם עולם, ווען זי פלעגט אַן אויסגעמאַטערטע קומען אַהיים, אָבער זי האָט ניט געשטערט. דער חסידישער רבי, „דער צדיק", ווי מען האָט אים גערופן, פלעגט פון צייַט צו צייַט אַראָפּפאָרן צו רב שמעונען. ס'פלעגן זיך דעמאָלט צונויפקומען חסידים פון דער גאַנצער געגנט און מען האָט עפּעס געפּראַוועט סעודות. מיר זייַנען געלאָפן אין שטעטל אָנקוקן דעם „צדיק", אָבער די שמשים פלעגן אונדז נאָענט ניט צולאָזן. בייַ אונדז אין שטוב זייַנען אַלע געווען מתנגדים און מען האָט אויסגעלאַכט דעם „צדיק" מיט זייַנע חסידים. איין מאָל אין אַ ווינטער־פאַרנאַכט איז

גנעסיע דורכגעפֿאָרן דורך אונדזער הויף און האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט כּדי צו דערציילן אַ וויכטיקע נײַס: מען האָט געהרגעט דעם קייסער. אין אַ פּאָר טעג אַרום זײַנען אַלע מענער געפֿאָרן אין שטאָט שווערן דעם נײַעם קייסער. דער פֿאָטער האָט אין דער הייך געליינט אַלע ידיעות אין די צײַטונגען וועגן דעם אַטענטאַט, און איך געדענק, אַז אין דער צײַטונג „נאָוואָסטי", וואָס דער פֿאָטער האָט אויסגעשריבן, זײַנען געווען די בילדער פֿון אַלע אָנטיילנעמער פֿון אַטענטאַט פֿאַרן געריכט.

## III

ימים נוראים. — מײַנע רעליגיעזע שטימונגען. — דעם פֿאָטערס טויט. — אונדזערע פּעדאַגאָגן. — איך הייב אָן לייענען.

עס זײַנען אַריבער יאָרן אָן שום באַזונדערע געשעענישן אין מײַן קינדער-לעבן. אַ גרויסע פֿרייד איז געווען פֿאַר אונדז צו פֿאָרן אויף ימים נוראים קיין וואָלקאָוויסק. נאָך לאַנג פֿאַר די ימים נוראים האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער נסיעה: אײַנ-געקויפֿט הינער, געגנדז, אָנגעשאָטן זעק מיט מעל, קאַרטאָפֿל און גרינס. ענדלעך לאָזט מען זיך מיט דער גאַנצער משפּחה אויף עטלעכע אָנגעלאָדענע פֿורן אין וועג אַרײַן. פֿאַרפֿאָרן זײַנען מיר צו דער באָבען און פֿאַרבראַכט אין שטאָט אַ טאָג צען-צוועלף ביז נאָך יום כּיפּור. מיר, די קליינע, פֿלעגן די גאַנצע צײַט זיך פֿאַרווײַלן מיט אונדזערע שוועסטערקינדער און גוט פֿאַרברענגען די צײַט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מען אויפֿגעהערט צו פֿאָרן אין שטאָט; מען האָט מורא געהאַט איבערצולאָזן אויף אַזוי לאַנג דאָס הויז – אין דאָרף האָבן זיך די באַציִונגען אָנגעהויבן בײַטן נאָך די פּאָגראָמען און די פֿאַרשטאַרקטע גזירות אויף ייִדן. מען האָט געדונגען אַ בעל-תּפֿילה און געמאַכט אַ מנין אין הויף גופֿא, אין הויז בײַם מילנער. דעמאָלט זײַנען שוין די ייִדן פֿון די אַרומיקע דערפֿער מיט די פֿאַמיליעס און מיט זייער בעל-הבתּישקייט געקומען צו אונדז ביז אויף איבער יום-כּיפּור. דאָס איז אויך געווען זייער אינטערעסאַנט און האָט געבראַכט אַ סך נײַע אײַנדרוקן. דער ערשטער יום-טובֿ אַזאַ איז אויסגעפֿאַלן אין יענער צײַט, ווען איך האָב איבערגעלעבט אַ שטאַרקע רעליגיעזע שטימונג. איך האָב אַלע טאָג געדאַוונט און שטרענג אָפּגעהיט די דינים. איין מאָל האָב איך אונטערגעהערט, ווי פֿייגע-רבֿקה פֿליאָטקעוועט מיט דער מאַמען וועגן דער פּרוי פֿון עלטערן ברודער: זי איז געווען אַ „גימנאַזיסטקע" (געענדיקט די גימנאַזיע) און געטראָגן „אייגענע האָר". איך האָב זיך דעמאָלט געגעבן אין האַרצן אַ שבֿועה, אַז איך וועל קיינמאָל ניט טראָגן קיין אייגענע האָר... דעם יום-כּיפּור האָב איך דעם גאַנצן טאָג פֿאַרבראַכט בײַם דאַווענען און ניט אַרויסגעלאָזט דעם מחזור פֿון האַנט. איך האָב געדאַוונט אויפֿן קול און די ייִדענעס, וואָס האָבן ניט געקענט לייענען, האָבן נאָכגעזאָגט נאָך מיר. דעם גאַנצן טאָג האָב איך געפֿאַסט, הגם די מאַמע האָט מיך געטריבן אַהיים עסן. לאַנג אָבער האָט מײַן פֿרומקייט ניט אָנגעהאַלטן און איך האָב אין גיכן אויפֿגעהערט צו דאַווענען. צו יענער צײַט איז געקומען מײַן עלטערע שוועסטער, וואָס האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין גראָדנע, און דער פֿאָטער האָט חושד געווען, אַז דאָס איז איר השפּעה אויף מיר; אין דער אמתן איז אָבער דאָס ניט געווען אַזוי. מיט דעם איז פֿאַרבונדן אַ שווערע איבערלעבונג אין מײַנע קינדער-יאָרן: דער פֿאָטער האָט מיך איין מאָל געפֿרעגט, פֿאַרוואָס האָב איך אויפֿגעהערט צו דאַווענען; איך האָב געענטפֿערט, אַז איך פֿאַרשטיי דאָך סײַ ווי סײַ ניט וואָס איך דאַוון. דער פֿאָטער איז אויפֿגעבראַכט געוואָרן פֿון מײַן ענטפֿער און האָט—דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל אין לעבן — אויפֿגעהויבן די האַנט אויף מיר. איך האָב אים דאָס קיינמאָל ניט געקענט פֿאַרגעסן. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט ער מײַן ענטפֿער אויפֿגע-נומען ווי אַ להכעיסדיקע ניט-פֿרומקייט, אַ מין אַפּיקורסות; ווען איך זאָג, אַז איך פֿויל

זיך, וואָלט עס אים ניט געאַרט. זײַן כּעס איז אייגנטלעך געווען געווענדט מער קעגן דער שוועסטער, ווי קעגן מיר; „די שנור מיינט מען — און דער טאָכטער זאָגט מען“ — האָט מיר אויפֿגעקלערט די שוועסטער.

דער טויט פֿון פֿאָטער האָט קיין גרויסע ענדערונג אין דער לאַגע פֿון אונדזער פֿאַמיליע ניט אַרײַנגעטראָגן. דער פֿאָטער איז געשטאָרבן סוף 1889 אין עלטער פֿון 51 יאָר. איך געדענק גוט דאָס יאָר פֿון זײַן טויט, ווײַל אין מײַן זיכּרון איז עס פֿאַרבונדן מיט דער אַלוועלטלעכער אויסשטעלונג אין פּאַריז, וועגן וועלכער איז האָב דעמאָלט געוווּסט. אַז אין דער זעלביקער צײַט איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, האָב איך זיך דערוווּסט מיט פֿיל יאָרן שפּעטער. צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן האָב איך דערשפּירט די רעאַלקייט און טראַגישקייט פֿון טויט פֿון אַ נאָענטן מענטשן. ביז יענער צײַט איז טויט געווען פֿאַר מיר אַן אַבסטראַקטער באַגריף, אַזוינס וואָס געשעט ערגעץ-ווּ און וואָס האָט צו מיר קיין שום שײַכות ניט.

דער פֿאָטער האָט דעם גאַנצן זומער געקרענקט און איז געפֿאָרן קיין מאַריענבאַד זיך היילן. ער האָט געשריבן פֿון דאָרט באַרויִקנדיקע בריוו, און מיר האָבן שוין אָפּגעוואַרט זײַן קומען אין די נאָענטסטע טעג. פּלוצלונג אין איין שיינעם, טאַקע באמת שיינעם יולי-פֿרימאָרגן קומט צו פֿאָרן דער ברודער פֿון גראָדנע מיט אַ שרעקלעכער ידיעה, אַז ס'איז אָנגעקומען אַ דעפּעשע פֿון מאַריענבאַד, אַז דער פֿאָטער האָט באַקומען אַ געדערעם-פֿאַרדרייוּנג און איז אָפּערירט געוואָרן פֿון אַ ווינער פּראָפֿעסאָר. דער ברודער האָט מיט זיך געבראַכט אַן אויסלענדישן פּאַס פֿון זײַן שוויגער, וואָס האָט געקענט פּאַסן פֿאַר דער מוטער. אין אַ האַלבער שעה אַרום איז שוין די מוטער אָפּגעפֿאָרן אין לאַנגן וועג אַרײַן. איך בין געווען טיף אויפֿגערודערט. איך האָב דערפֿילט, ווי די פֿליגלען פֿון טויט האָבן אָנגערירט אויך אונדזער הויז. איך בין אַרויס אין דרויסן. דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ פּראַכטפֿולער; די בוימער און פֿעלדער זײַנען געשטאַנען אין זייער פֿול-צײַטיקן גלאַנץ. איך האָב אַ פֿאַרחידושטע געקוקט אויף דעם אַרום, און אַ טיפֿער צאָרן האָט מיך אַרומגענומען, דער צאָרן אויף דער גלײַכגילטיקייט פֿון דער נאַטור, מיט וועלכער איך בין געווען אַזוי טיף און אינטים פֿאַרבונדן. אין מײַן ווייטערדיקן לעבן, אין די שעהן פֿון גרויסער נשמה-צערודערונג, האָב איך ניט איין מאָל ווייטאָגדיק אויפֿגענומען די דיסהאַרמאָניע צווישן די מענטשלעכע לײַדן און דער גלײַכגילטיקער נאַטור.

דער פֿאָטער האָט זיך אומגעקערט אַהיים אין עטלעכע וואָכן אַרום. ער איז געווען אין גאַנצן צעבראָכן, קוים געהאַלטן זיך אויף די פֿיס, זײַן פּנים איז געווען געל ווי וואַקס. זײַן צושטאַנד איז געוואָרן אַלץ ערגער. מען האָט אַרויסגערופֿן אַ דאָקטאָר, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט; ער האָט אונטערזוכט דעם חולה און איז אַרײַן מיט דער מוטער אין אַ צווייטן צימער; איך בין זיי נאָכגעגאַנגען און געהערט, ווי דער דאָקטאָר זאָגט: „דער קראַנקער האָט קרעפּס אויפֿן לעבער; מער ווי דרײַ חדשים וועט ער ניט לעבן“... זײַן דיאַגנאָז איז געווען דורכויס אַ ריכטיקער: פּונקט אין דרײַ חדשים אַרום איז דער פֿאָטער געשטאָרבן. מען האָט אים נאָך אַוועקגעפֿירט קיין בערלין אין אַ קליניק און פֿון דאָרט צוריק געבראַכט קיין גראָדנע. אַ פּאָר וואָכן פֿאַר זײַן טויט האָט ער געפֿאָדערט, איך זאָל קומען צו פֿאָרן; איך האָב זיך שוין שפּעטער דערוווּסט, אַז ער האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט און געהאַלטן פֿאַר זײַן ליבלינג. בײַ אונדז אין דער פֿאַמיליע האָט געהערשט אַן אמתער מתנגדישער גײַסט: די באַציִונג צו די קינדער איז געווען זייער אַ צוריקגעהאַלטענע, מען האָט זיי קיינמאָל ניט גערופֿן מיט היימיש-פֿאַרקירצטע נעמען, ניט געקושט — מען האָט זיך אַזוי ווי געשעמט אַרויסצוווײַזן צערטלעכקייט...

אין שטוב בײַ אונדז זײַנען געווען צוויי פּעדאַגאָגן: אַ רבי, וואָס האָט געלערנט מיט מײַנע עלטערן ברודער און נאָך מיט אַ פּאָר יִינגלעך פֿון אונדזער ייִדישן אָנגעשטעלטן, און אַ לערער פֿאַר רוסיש און וועלטלעכע לימודים. מיטן לערער האָבן מיר גערעדט רוסיש, צווישן זיך און מיט די עלטערן — ייִדיש. אין איין שיינעם פֿרימאָרגן

האָב איך באַשלאָסן, אַז מיר דאַרפֿן אויך צווישן זיך רעדן רוסיש, און איך האָב דאָס שטרענג אָפּגעהיט. די רביס בײַ אונדז אין שטוב האָבן זיך אָפּט געביטן; אַלע זײַנען זיי געווען זייער אומוויסנדיקע און אויסערלעך שמוציקע, און מיר, קינדער, האָבן געפּילט צו זיי אַן עקל. געוווינט האָבן זיי באַזונדער פֿון אונדזער הויז, אין איין שטיבל מיט די גויִישע „פּאַראָבקעס"; מען האָט זיי אַהינצו אַפֿילו געטראָגן עסן, נאָר שבת זײַנען זיי געקומען צום טיש. מיט איינעם אַזאַ גראָבן געלן ייִדן, וועלכער איז געווען באַזונדערס פֿרום און האָט געהאַלטן אין איין וואַשן די שפּיץ פֿינגער און זאָגן ברכות, איז געשען עפּעס אַ סקאַנדאַל: ער איז פּלוצלונג נעלם געוואָרן; די דינסטן האָבן אונדז פֿאַרטרויט, אַז ער האָט זיך געטשעפּעט צו זיי און זיי האָבן אים פֿאַרקלאָגט פֿאַר דער מוטער.

דער לערער איז געווען אַ יונגערמאַן פֿון וואָלקאָוויסק, איינער איינהאָרן, דוכט זיך — אַ פֿעטער פֿון דוד איינהאָרן. ער איז געווען אַ טיפּישער אויטאָדידאַקט, פֿאַרמאָגט אַ סך וויסן, אָבער קיין שום סיסטעם אין לערנען, ווי איך פֿאַרשטיי, האָט ער ניט געהאַט. ער האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ „פּריוואַט־אַדוואָקאַט" און ניט געוואָלט מער פֿאַרבלײַבן בײַ אונדז. די עלטערן האָבן באַשלאָסן צו שיקן דעם ברודער לערנען אין וואָלקאָוויסק און מיך איבערלאָזן אין דער היים, ביז די שוועסטער וועט ענדיקן די גימנאַזיע, דעמאָלט וועל איך פֿאַרנעמען איר אָרט. איך האָב אָבער אַזוי לאַנג געוויינט און געסקאַנדאַלעוועט, ביז וואַנען מען האָט אויך מיך מיטן ברודער אָפּגעשיקט קיין וואָל־קאָוויסק. מיר האָבן געוווינט אַ פּאָר זמנים בײַם פֿעטער פֿײַוועל און געלערנט בײַ דעם זעלביקן לערער איינהאָרן.

פֿון יענער צײַט געדענק איך מײַן גרויסע באַגײַסטערונג פֿון זשול ווערנס ווערק. איך האָב זיי געלייענט צוזאַמען מיט מײַן שוועסטערקינד, אַ ייִנגל אין מײַנע יאָרן, מיט וועלכן איך בין געווען באַפֿרײַנדעט פֿון קינדערווײַז אָן. פֿון מײַן אָנקומען אין גימנאַזיע איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. דער שוועסטער האָט זיך ניט לײַכט געלעבט בײַ די רײַכע קרובֿים. די פּאַטריאַרכאַלישע באַציִונגען האָבן שוין אָנגעוואָרן זייער קראַפֿט, און די נײַע, געשעפֿטלעכע האָבן זיך נאָך ניט אײַנגעשטעלט. ווען מײַן ייִנגערע שוועסטער איז מיט אַ יאָר זעקס שפּעטער אָנגעקומען אין גימנאַזיע, האָט זי שוין געוווינט אין אַ פֿרעמ־דער פֿאַמיליע, וווּ מען האָט פֿאַר איר געצאָלט.

אַזוי אַרום בין איך געבליבן אָנגעוויזן אויף מײַן עלטערער שוועסטער, וועלכע האָט זיך באַדאַרפֿט פֿאַרנעמען מיט מײַן ווײַטערדיקער בילדונג. נאָר די קענטעניש, וואָס זי האָט אַרויסגעטראָגן פֿון דער 6 קלאַסיקער פּראָווינץ־גימנאַזיע, זײַנען געווען גאַנץ שוואַכע און זיי האָבן מיך ניט באַפֿרידיקט. מײַן לערנען איז באַשטאַנען בלויז אין אײַנחזרן די לעקציעס פֿון פֿראַנצויזיש לויט דעם באַרימטן לערנבוך פֿון מאַרגאָ און דער עיקר — אין לייענען רוסישע ביכער. די שוועסטער איז געווען אויף זעקס יאָר עלטער פֿאַר מיר, מיר איז געווען אַ יאָר צוועלף און איך האָב געשלונגען אַלץ, וואָס די שוועסטער האָט באַקומען צום לייענען. מײַן גאַנץ לעבן איז איצט געווען קאָנצענטרירט אויפֿן לייענען. בכלל פֿון קינדערווײַז אָן איז מײַן לייענען געגאַנגען זייער כאַאָטיש; די הויפּט־סיבה איז, וואָס ס'איז געווען זייער שווער צו קריגן פּאַסיקע ביכער. קיין ביבליאָטעקן זײַנען אין דער גאַנצער געגנט ניט געווען, מען האָט זיך געמוזט שפּײַזן מיט דעם, וואָס מען האָט צופֿעליק באַקומען בײַ באַקאַנטע. וועגן קויפֿן ביכער צום לייענען האָט קײַן רייד ניט געקענט זײַן. דאָס ערשטע בוך, וואָס האָט געמאַכט אויף מיר אַזאַ אײַנ־דרוק, אַז איך געדענק נאָך ביז איצט איינצלנע אויסדרוקן פֿון אים, איז געווען „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק" פֿון דינעזאָנען. די מוטער האָט עס פֿאַר דעם גאַנצן הויז־געזינד געלייענט אין דער הייך, און איך האָב ניט ווייניק פֿאַרגאָסן טרערן ביי דער באַשרײַבונג, ווי דער העלד פֿאַלט אַרײַן אַן אומשולדיקער אין תּפֿיסה. איך בין ניט זיכער, צי האָב איך שוין דעמאָלט געקענט אַליין לייענען.

דעם לייען-מאַטעריאַל האָבן צוגעשטעלט די „פֿאַקנטרעגער", וואָס בײַ זיי פֿלעגט די מוטער קויפֿן דער עיקר מעשיות וועגן פּרינצעסינס און גראַפֿן. שבת בײַטאָג פֿלעגט מען דאָס לייענען אין דער הויך פֿאַר דער גאַנצער משפּחה. ווען איך האָב אָנגעהויבן לייענען רוסיש, איז די לאַגע געוואָרן נאָך שווערער. אין האַלינקע בײַ דעם דאָרפֿסלערער, אַן אַלטן שיכור, איז געווען אַ קליין ביבליאָטעקל פֿאַר דער שול. פֿון צײַט צו צײַט האָט זיך מיר אײַנגעגעבן אויסצובעטן בײַ אים אַ ביכל. אַ גרויסן אָרט אין זײַן ביבליאָטעקל האָבן פֿאַרנומען די ווערק פֿון באַקאַנטן פֿראַנצויזישן בולוואַר-ראָמאַניסט פּאָל דע קאָק; ער פֿלעגט מיר זאָגן, אַז ס'איז אַפֿילו ניט זייער אָנשטענדיק פֿאַר אַזאַ קליין מיידל ווי איך צו לייענען פּאָל דע קאָקן, פֿונדעסטוועגן האָט ער מיר זיי געגעבן. איך האָב דעמאָלט ניט געקענט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס האַלט ער זיי פֿאַר ניט אָנשטענדיק; איך גלייב נאָך איצטער, אַז אין פֿאַרגלײַך באַזונדערס מיט דער הײַנטיקער שונד-ליטעראַטור איז פּאָל דע קאָק געווען זייער צניעותדיק... איך האָב זיך דעמאָלט געוווּנדערט לייענענדיק: פֿון וואָס מאַכט מען עס אַזאַ געפּילדער? מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען איך האָב געלייענט „אָבריוו" פֿון גאָנטשאַראָוון, האָב איך געפֿרעגט מײַן שוועסטער, וואָס איז אַזוינס געשען מיט וועראַ, וואָס אַלע אַרום זײַנען אַזוי צערודערט; די שוועסטער האָט קורץ געענטפֿערט: „זי איז געפֿאַלן". ווײַטער האָב איך זיך ניט דערוועגט צו פֿרעגן...

וואָס פֿאַר אַ געשעעניש עס איז געווען פֿאַר מיר, ווען פּושקינס ווערק זײַנען אַרויס אין אַ ביליקער אויסגאַבע, אין יאָר 1887, נאָכדעם ווי ס'האָבן זיך געענדיקט די אייגנטום-רעכט פֿון זײַנע פֿאַרלעגער! דער פֿאָטער האָט זיי מיר געקויפֿט אַ מתּנה פֿאַר 2 רובל; דאָס זײַנען געווען די ערשטע ביכער אין מײַן ביבליאָטעק און איך האָב זיי אָן אויפֿהער געלייענט און געלערנט אויסווייניק. ווען די שוועסטער איז געקומען אַהיים, האָבן מיר זיך שוין אַבאָנירט אין אַ ביבליאָטעק אין ביאַליסטאָק און געביטן די ביכער דורך פֿורמאַנעס, וואָס פֿלעגן פֿאָרן יעדע וואָך מיט תּבֿואה קיין ביאַליסטאָק. מיט וואָס פֿאַר אַן אומגעדולד איך האָב אָפּגעוואַרט די פֿור יעדער מאָל מיט די ביכער פֿון ביאַליסטאָק און ווי גרויס איז געווען מײַן יאוש, ווען ס'האָט זיך אָפּט אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט די ביכער פֿאַרגעסן ברענגען, אָדער די ביבליאָטעק איז געווען געשלאָסן! מײַן דעמאָלטיקער לעבנס-אידעאַל איז געווען ווערן אַ ביבליאָטעקער און זײַן אַרומגערינגלט שטענדיק מיט ביכער. אַזוי האָב איך דורכגעלייענט די רוסישע קלאַסיקער, די קריטיקער פּיסאַרעוון, דאָבראָליובאָוון, ביעלינסקין, שעלגונאָוון, געלערנט אויף אויסווייניק נעקראַסאָוון, נאַדסאָנען און פֿרוגן. באַזונדערס האָב איך ליב געהאַט נעקראַסאָווען און בין ניט מיד געוואָרן אים צו לייענען און דעקלאַמירן פֿאַר יעדערן, ווער עס האָט נאָר געוואָלט הערן.

## IV

די ווירקונג פֿון דער ליטעראַטור. — די לאַגע פֿון די פּויערים.— דאָס הונגער-יאָר.—שטרעבונג צו זעלבשטענדיקייט.—די מוטער.

די ליטעראַטור האָט בלי שום ספֿק געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף מײַן אײַנשטעלונג צום אַרומיקן לעבן, זי האָט מיר אויפֿקלערט דעם זינען פֿון די דערשײַנונגען, וועלכע איך האָב פֿריער אויפֿגענומען נאָר מיטן געפֿיל. די ערשטע אײַנדרוקן מײַנע פֿון דעם אַרומיקן אומיושר, פֿון נויט און עלנט האָב איך באַקומען גיכער פֿון לעבן פֿון די פּויערים, ווי פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט אין די שטעטלעך, מיט וועלכע איך האָב זיך זעלטענער צוזאַמענגעטראָפֿן.

אין די הויפֿן, וועלכע מײַן פֿאָטער און שפּעטער די ברידער האָבן אַרענדירט, זײַנען געווען עטלעכע צענדלינג שטענדיקע אַרבעטער, „פּאַראָבקעס"; זיי האָבן געוווינט

מיט זייערע פאַמיליעס אין די הויפן גופא, צו צוויי פאַמיליעס אין איין שטוב, אין אַ שמוציקער פאַררויכערטער קאַמער. דעם לוין האָבן זיי באַקומען אין נאַטור — מיט תבואה, קאַרטאָפל און אַ פּאָר בייטן גאָרטן צום באַאַרבעטן, געלט — אַ נישטיקע סומע פון 20—25 רובל אַ יאָר. די גאַנצע משפחה—טאַטע, מאַמע און קינדער—זייַנען געשלאָפן אויף איין טאַפּטשאַן, אויסגעבעטט מיט אַ זאַק שטרוי; ביי יעדן טאַפּטשאַן איז געהאַנגען אַ „ליולקע" (וויגעלע) מיט אַ קליין קינד. קינדער בייַ די מאַמעס זייַנען געבאָרן געוואָרן יעדער יאָר, אָפּטמאָל אין פעלד, אין מיטן דער אַרבעט. די פרויען זייַנען צו 20—25 יאָר געווען אין גאַנצן אויסגעשעפּט. כמעט אַלע האָבן געליטן אויף פרויען-קראַנקייטן און אויסגעזעהן מיט 20 יאָר עלטער.

יעדן ווינטער פלעגן אויסברעכן עפּידעמיעס פון סקאַרלאַטין און דיפטעריט און אומברענגען הונדערטער קינדער. איך געדענק פאַלן, ווען אין פאַמיליעס זייַנען אין איין ווינ- טער אויסגעשטאָרבן אַלע קינדער, צו פיר—פינף אין יעדערער. די מעדיצינישע הילף איז באַשטאַנען פון אַ פעלדשער אין שטעטל און אַ דאָקטאָר אין דער נאָענטסטער גרעסערער שטאָט — קרינעק, 15 קילאָמעטער פון אונדז. מיט דעם געהאַלט פון 20—25 רובל אַ יאָר האָט מען זיך ניט געקענט פאַרגינען דעם לוקסוס אַראָפּצוברענגען אַ דאָקטאָר. אָפט פלעגט מען אין דער נאַכט קלאַפּן אין טיר און בעטן אַ דערלויבעניש צו נעמען אַ פערד אָפּצופירן אַ באַזונדערס שווערע געווינערין צום דאָקטאָר; זעלטן ווען זי פלעגט קומען צוריק. אָבער די „פּאַראָבקעס" זייַנען געווען די גליקלעכסטע, זיי האָבן כאָטש ניט געהונגערט. פיל ערגער איז געווען די לאַגע פון די פויערים אין די דערפער. ברויט פלעגט קלעקן נאָר ביז ניַייאָר, דערנאָך האָט מען געגעסן בלויז קאַרטאָפל און פּאַר- פוילטע זויערע קרויט; זאַלץ איז געווען אַ לוקסוס. צום פרילינג האָט מען שוין קוים געשלעפט די פיס. די באַלייַכטונג איז באַשטאַנען פון אַ קינעלע, זעלטן ווען מען האָט אָנגעטראָפן אַ רויכערדיק נאַפט-לעמפל. אין אַ דאָרף אויפן וועג צו דער באַן - סטאַנציע איז בייַ איינעם אַ פויער געשטאַנען אַ סאַמאָוואַר, וועלכן מען האָט געקענט זען דורכן פענסטער — דאָס איז געווען די שטוב פון „סטאַרשינאַ" (וואָיט). דער סאַמאָוואַר האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די דורכפאָרנדיקע — אַזאַ זעלטענע דערשייַנונג איז דאָס געווען בייַ אַ פויער.

אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער לעבן אין הויף האָט מען נאָך געשמיסן די פויערים. דער דאָרפישער געריכט, אייגנטלעך די דעה-זאָגערס—דער שרייַבער אָדער „סטאַרשינאַ", האָבן געקענט פאַרמשפּטן צו שמיץ. איין מאָל איז אונדזער פורמאַן, אַ יונגער שיינער שגץ פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, געגאַנגען אין וואָלאָסט אָפּנעמען די פאָסט. ער האָט זיך לאַנג ניט אומגעקערט; ענדלעך האָט ער זיך באַוויזן מיט אַן אַראָפּ- געלאָזענעם קאָפּ, בלייך ווי דער טויט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט אים געגעבן עטלעכע צענדליק שמיץ. מיט אַ צייַט פריער איז ער געווען צוגעמשפּט צו דער דאָזיקער שטראָף — איך בין ניט זיכער, צי ער האָט אַפילו וועגן דעם געוווּסט. דער שרייַבער האָט אויסגענוצט זייַן קומען אין וואָלאָסט און דורכגעפירט די עקזעקוציע.

די באַציִונגען צווישן די „פּאַראָבקעס" און די דאָרפישע פויערים, וואָס פלעגן אַרבעטן פון טאָג, און צווישן דעם פאָטער און מייַנע ברידער זייַנען געווען גאַנץ פּאַטריאַר- כאַלע; מען האָט זיי געהאַלטן פּאַר גוטע „פּאַנעס", באַזונדערס אין פאַרגלייַך מיט די פוילישע גרויסע פריצים, פאַר וועלכע די פויערים זייַנען געווען ניט מער ווי בהמות. די איינציקע פאָרם פון פּראָטעסט מצד די פויערים איז געווען דער „רויטער האָן" (שריפה). בייַ יעדן סיכסוך פלעגן זיי שרעקן מיט אַזאַ נקמה, און מען האָט פאַר דעם געציטערט. קעגן די באַזונדערס אומרויִקע פויערים, אַמאָל אפשר כוליגאַנישע אָדער אַוואַנטוריסטישע עלעמענטן, איז געווען אַ מיטל, וואָס האָט געהאָלפן: דאָס דאָרף פלעגט צונויפשטעלן אַ „פּריגאָוואָר" — אַ החלטה, אַז דער און דער פויער איז שעדלעך פאַרן דאָרף, און די אַדמיניסטראַציע פלעגט אַזאַ פויער אַרויסשיקן פון דאָרף, ניט זעלטן אַפילו קיין סיביר.

מיט דער צײַט האָבן זיך די באַציִונגען אין דאָרף שטאַרק געענדערט. איך בין שוין דעמאָלט ניט געווען אין הויף, ווען ס'האָבן זיך — פֿאַר דעם יאָר 1905 — אָנגעהויבן פּויערים-שטרײַקן, אונטערצינדונגען פֿון פּריצישע הויפֿן און עקספּראָפּריאַציעס. בײַ מײַנע ברידער זײַנען אויך געווען עטלעכע אַזעלכע אָנפֿאַלן און עקספּראָפּריאַציעס.

איך פּערזענלעך האָב די גאַנצע צײַט פֿון מײַן באַוווּסטזיניקן לעבן אין הויף שרעקלעך געליטן פֿון די באַציִונגען צו די פּויערים. איך האָב זיך אינערלעך געשעמט און געפֿילט זיך שטענדיק שולדיק אַקעגן זיי. איך געדענק, ווי פּײַנלעך פֿלעגט מיר זײַן, ווען מיר פֿלעגן זומער צוזאַמען מיט די צאָלרײַכע צונויפֿגעפֿאָרענע געסט שפּילן אויפֿן הויף אין קראָקעט, אָדער זיצן אין אַ פֿריילעכער קאָמפּאַניע אויף דער וועראַנדע בײַם סאַמאָוואַר, און די פּויערים פֿלעגן קומען פֿון פֿעלד מיט די קאָסעס און סערפּן און זיך אַרומשטעלן אָנקוקן, ווי די פּאַנעס פֿאַרברענגען די צײַט.

צו די שטאַרקערע איבערלעבונגען פֿון יענע יאָרן אויפֿן געזעלשאַפֿטלעכן געביט געהערן דער הונגער אין רוסלאַנד פֿון 1891 — 1892. אין אונדזער געגנט איז געווען אַ גוטע גערעטעניש, אָבער די צײַטונגען זײַנען געווען פֿול מיט ידיעות וועגן די טויזנטער פּויערים, וואָס זײַנען אומגעקומען פֿון הונגער און פֿלעקטיפֿוס אין די מזרח-גובערניעס. איך בין געווען טיף אויפֿגערודערט פֿון דער גרויסער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן דער רוסישער יוגנט און דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. לויט דער איניציאַטיוו פֿון לעוו טאָלסטאָי האָט מען זיך מאַסנווײַז אַ לאָז געטאָן אין די דערפֿער, וואָס האָבן געליטן פֿון הונגער, אײַנגעאָרדנט פּונקטן, וווּ מען האָט אַרויסגעגעבן די פּויערים שפּײַז און מעדיצינישע הילף. איך האָב געשלונגען די אַלע ידיעות, אָבער ריין פֿלאַטאָניש; עס האָט קיין רייד ניט געקענט זײַן, אַז איך זאָל נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער באַוועגונג. צו ווײַט און צו פֿרעמד איז דאָס אַלץ געווען.

פֿון מײַן פֿריסטער יוגנט אָן איז מײַן אידעאַל געווען צו ווערן זעלבשטענדיק, ניט זײַן אָפּהענגיק, באַזונדערס פֿון די ברידער, וועלכע האָבן געפֿירט די געשעפֿטן אין די הויפֿן, הגם אונדזערע באַציִונגען זײַנען געווען גוטע און זיי האָבן דאָס ניט געלאָזט פֿילן. אַרויפֿגעפֿירט מיך אויף די דאָזיקע געדאַנקען האָט דער עיִקר דער גורל פֿון מײַן שוועסטער, וועלכע האָט נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע זיך אָפּגענודעט עטלעכע יאָר אין הויף, ניט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טאָן און האָט ענדלעך חתונה געהאַט דורך אַ שדכן. איך האָב פֿעסט באַשלאָסן זיך אַרויסצורײַסן פֿון דער היים — ווערן אַן אַקושערקע, אַ דאַנטיסטקע אָדער אַ שנײַדערקע. אגבֿ זײַנען דעמאָלט נאָך פֿאַרבליבן שפּורן פֿון דער מאָדע אין די 90ער יאָרן, ווען אינטעליגענטע מיידלעך האָבן געלערנט שנײַדערײַ; אין דעם האָט, ווי עס ווײַזט אויס, געשפּילט אַ באַשטימטע ראָלע די ווירקונג פֿון טשערנישעווסקיס באַרימטן ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט“ („וואָס טוט מען“), וווּ די העלדין אָרדנט אײַן אַ שנײַדער-אַרטעל.

מיר צו הילף איז געקומען אַ ידיעה אין די צײַטונגען, אַז אין ווילנע עפֿנט זיך אַ דאַנטיסטישע שול. איך האָב גלײַך באַשלאָסן אָנצוקומען אין דער שול. מען האָט באַדאַרפֿט פּועלן בײַ דער מוטער, זי זאָל מיך אָפּלאָזן. די מוטער איז געווען זייער אַ ווייכע און גוטמוטיקע; בײַם פֿאָטערס לעבן איז זי געווען אין גאַנצן אַרײַנגעטאָן אין דער בעל-הבתישקייט, אגבֿ — אַ גאַנץ גרויסע און קאָמפּליצירטע; נאָך דעם פֿאָטערס טויט, ווען אויף אירע פּלייצעס האָבן זיך אָנגעלייגט אַזוי פֿיל נײַע זאָרגן, איז זי געווען אין גאַנצן צעבראָכן, און געוויינטלעך פֿלעגט זי אויף אַלע נײַע פֿראַגן און פֿאָדערונגען פֿון די קינדער ענטפֿערן מיט טרערן. מיך פּערזענלעך פֿלעגט דאָס שטענדיק אַנטוואָפֿענען און האָט פּאַראַליזירט מײַן גאַנצע ענערגיע. איך בין דעמאָלט געווען אין גראָדנע צו גאַסט און האָב געפּועלט בײַ מײַן שוועגערין, וואָס האָט געהאַט אַ השפּעה אויף דער מוטער, זי זאָל איר אָנשרײַבן וועגן מײַן ענין. איך האָב דעם בריוו איבערגעלייענט און בין געוואָרן שרעקלעך אַנטוישט און אויפֿגעבראַכט; אָנשטאָט מײַן גאַנצער אידעאָלאָגישער באַצ-

גרינדונג, אין וועלכער, ווי מיר האָט זיך געדוכט, איך האָב מײַן שווערין איבערצײַגט, האָט זי אַרויסגעשטעלט אַלס הויפּטמאָטיוו גאָר אָט וואָס: „ווער ווייס, אפשר וועט אַננע אויף דעם וועג געפֿינען איר באַשערטן“...

קורץ נאָך דעם האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים, די מוטער האָט ניט אויפֿגעהערט צו זיפֿצען און געקוקט אויף מיר אַזוי, ווי איך וואָלט געגאַנגען אויף קידוש-השם. ענדלעך האָט זי באַשלאָסן אַרויסצורופֿן איינעם פֿון מײַנע פֿעטערס, אַליין אַ פֿאָטער פֿון עטלעכע טעכטער, און מיט אים זיך מיישבֿ זײַן. דער פֿעטער איז ספּעציעל געקומען צו פֿאָרן. מען האָט זיך פֿאַרשפּאַרט אין אַ קאַמער און לאַנג צווישן זיך געשמועסט. איך האָב זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און אַ ביסל צוגעלייגט דעם אויער צו דער טיר. איך הער, ווי דער פֿעטער זאָגט: „אַזאַ געראָטענע מיידל ווי חנה דאַרף פֿאָרן שטודירן! וואָס, זי וועט ניט קריגן קיין חתן?“ פֿאַר מיר איז געווען זייער שמייכלהאַפֿט און נײַ די מיינונג פֿון פֿעטער, אַז איך בין אַ געראָטן מיידל, אָבער דאָס האָט מיך וויניק באַפֿרידיקט: דער פּסק-דין איז געווען פֿאַר מיר ניט גינסטיק. אָבער איך האָב פֿעסט באַשלאָסן צו פֿאָרן. צום אומגליק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שול עפֿנט זיך גאָר ניט, זי האָט ניט באַקומען קיין קאָנצעסיע.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער (אין יאָר 1895), נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעגעבן בײַם ווילנער קוראַטאָריום אַ לערער-עקזאַמען, האָב איך באַנײַט די באַמיונגען צו פֿאָרן, דאָס מאָל שוין – קיין פֿראַנקרײַך שטודירן מעדיצין. די מוטער האָט נאָך שמערצלעכער ווי פֿריער רעאַגירט אויף דעם; אײַנגעהאַלטן האָט מיך די אָנווײַזונג, אַז אין דעם פֿאַל וועל איך נאָך אַ סך יאָרן, אין דער צײַט פֿון שטודיום, מוזן זײַן מאַטעריעל אָפּהענגיק פֿון דער היים. איך האָב רעזיגנירט און באַשלאָסן דערווײַלע צו פֿאַרנעמען זיך אין ווילנע מיט פּריוואַטע לעקציעס. איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ ביסל פֿאַרכאַפּט פֿון סאָציאַליסטישע אידעען, און די זעלבשטענדיקייט האָט אויפֿגעהערט צו זײַן פֿאַר מיר אַ ציל פֿאַר זיך.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָב איך זיך צוגעשריבן צו אַ ציין-דאָקטאָר ווי אַ שילערין, אָן דעם וויסן פֿון דער מוטער, ווײַל איך האָב איר ניט געוואָלט פֿאַראומערן דאָס לעבן. מײַן שטודיום האָב איך שוין פֿאַרענדיקט אין ביאַליסטאָק, אין יאָר 1900, און שפּעטער – אָפּגעגעבן אַ דאַנטיסטן-עקזאַמען אין קיעווער אוניווערסיטעט. נאָר אַ קורצע צײַט, ביז מײַן ערשטן אַרעסט אין מערץ 1902, האָב איך זיך פֿאַרנומען אין ביאַליסטאָק מיט ציין-דאָקטערײַ, אויך שפּעטער אַ ביסל אין יאַקוטסק און אין אַ דאָרף אונטער יאַקוטסק, וווּהין מיר זײַנען געווען פֿאַרשיקט. שפּעטער האָב איך זיך מער צו דעם פֿאַך ניט אומגעקערט.

מײַן מוטער האָב איך אין משך פֿון מײַן ווײַטערדיקן לעבן פֿאַרשאַפֿט ניט וויניק צרות. אונדזער אַרעסט (מײַנער און פּאַוועלס) אין מערץ 1902 אין ביאַליסטאָק איז געווען פֿאַר איר אַ שווערער קלאַפּ. אויסער דעם דירעקטן ווייטאָג האָט זי אים אויך אויפֿגענומען ווי אַ גרויסע חרפּה: אירע קינדער אין תּפֿיסה! זי האָט ניט געוואָלט הערן וועגן ליקווידירן אונדזער דירה און בעל-הבתּישקייט, אין וועלכער זי האָט אַרײַנגעלייגט אַזוי פֿיל זאָרג און ליבע, און דאָס האָבן געמוזט טאָן די ברידער. ס׳איז פֿאַר איר געווען נאָך פּײַנלעכער, וואָס זי האָט אונדז ניט געקענט שרײַבן, ווײַל רוסיש האָט זי ניט געקענט, און ייִדישע בריוו האָט מען ניט דורכגעלאָזט; ס׳איז איר אויך ניט געווען מעגלעך איבער דער שפּראַך און איבער דער באַגרענעצונג פֿון וווינרעכט צו קומען קיין מאָסקווע כּדי צו באַזוכן אונדז אין טורמע.

נאָך פֿאַר אונדזער אַרעסט האָט מײַן מוטער געשפּירט, אַז ניט אַלץ איז בײַ אונדז אין אָרדענונג. זי האָט זיך אָנגעהויבן אַנטווישן אין גליק צו האָבן אַן איידעם אַ דאָקטאָר און האָט אַפֿילו באַשלאָסן ניט צו דערלאָזן, אַז מײַן ייִנגערע שוועסטער זאָל חתונה האָבן מיט אַ דאָקטאָר – „שוין בעסער מיט אַ סוחר“. זי האָט ניט פֿאָרויסגעזען, אַז דער גורל גרייט איר צו נאָך אַן ערגערן סורפּריז – אַן איידעם אַ גוי... זי איז אַוועק פֿון דער וועלט,

ניט דערוויסנדיק זיך וועגן דעם. זי האָט זיך אויך קיינמאָל ניט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז זי אַליין וועט זײַן פֿאַרמישט אין אַ פּאָליטישן פּראָצעס, און דאָך איז דאָס געשען. אין מערץ 1902 איז אין ביאַליסטאָק פֿאָרגעקומען די קאָנפֿערענץ פֿון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס אַ דאַנק איר זײַנען פּאַוועל (ראָזענטאַל–אַנמאַן) און איך אַרעסטירט געוואָרן. גראָד דעמאָלט איז זי געקומען צו פֿאָרן קיין ביאַליסטאָק; איך האָב זי אָפּגעוואַרט אויפֿן באַן און געבראַכט צו אונדז אין דירה. די שפּיאָנען, וואָס זײַנען מיר דעמאָלט נאָכגעגאַנגען, האָבן באַמערקט די באַגעגעניש, און די מוטער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער אויספֿאָרשונג, ווי אַן אָנטייל־נעמערין אין דער קאָנפֿערענץ. אין איין נאַסער האַרבסטנאַכט איז אין הויף צו אונדז אַרײַנגעפֿאַלן אַ גאַנצע כאָפּטע זשאַנדאַרמען, בראש מיטן פּאָלקאָווניק אוראַנאָוו, וועלכער איז ספּעציעל געקומען צו פֿאָרן פֿון מאָסקווע, און האָט זיך אַרײַנגעריסן צו דער מוטער אין שטוב. ער האָט גלײַך געמאָלדן דער מוטער, אַז זי איז אַרעסטירט און וועט תּיכּף אַוועקגעפֿירט ווערן קיין מאָסקווע אין תּפֿיסה. ער האָט זי גענומען אויפֿן פֿאַרהער, געמאַכט אַ גרינדלעכן „אָביסק“ אין גאַנצן הויז; נאָך אַ געשמאַקן אָוונטברויט, וועלכן די גאַסטפֿרײַנדלעכע בעל־הביתטע האָט געהאַלטן פֿאַר איר חובֿ פֿאָרצולייגן די געסט, איז ער געוואָרן ווייכער און אַפֿילו צוגעזאָגט צו דערלויבן מײַנס אַ שוועסטערקינד אין מאָסקווע צו באַזוכן מיך אין טורמע. און ער האָט געהאַלטן וואָרט.

יאָרן לאַנג האָט די מוטער געליטן אויף גאַלשטיינער און פֿלעגט יעדן זומער פֿאָרן קיין קאַרלסבאַד זיך היילן. נאָך אונדזער אַרעסט איז זי פֿון גרויס צער און אויך מחמת דעם, וואָס זי האָט אויסגעמיטן זיך צו טרעפֿן מיט באַקאַנטע, מער קיין קאַרלסבאַד ניט געפֿאָרן. דאָס האָט שטאַרק פֿאַרשאַרפֿט איר קראַנקייט, אין האַרבסט 1904 האָט זי דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אין האַלבערשטאַט (דײַטשלאַנד), בײַ אַ באַוווּסטן ספּעציאַליסט, און אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דער אָפּעראַציע איז זי געשטאָרבן. די לעצטע צײַט האָט זי, אונטער דער ווירקונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, געביטן איר באַציִונג צו אונדזער אַרעסט און פֿאַרשיקונג און אַפֿילו מיט שטאָלץ דערציילט די דאָקטוירים, אַז אירע קינדער האָבן אויך אַ שײַכות צו דער באַוועגונג. מען האָט פֿון איר אויסבאַהאַלטן, אַז מיר זײַנען שוין ווידער אין תּפֿיסה, און דאָס מאָל שוין — ווי לאַנגיאָריקע „קאַטאָרזשאַנעס“. די בריוו פֿאַר איר פֿלעגן מיר דורכשמוגלען אויף די „סווידאַניעס“* און דאָרט באַשרײַבן די גליקן, וואָס מיר געניסן אין יאַקוטסק אויף דער פֿרײַ. די ידיעה וועגן איר טויט האָבן מיר באַקומען אין אַלעקסאַנדראָווסקער טורמע לעבן אירקוטסק. מיר האָבן געהאַט דעם געפֿיל, אַז ניט ווילנדיק טראָגן מיר די שולד פֿאַר דעם, און דאָס האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעם אײַנדרוק פֿון דער ידיעה.

## V

איך ווער אַ „פּאַלעסטינקע“.—מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט וול. קאָסאָווסקין, אַרקאַדי קרעמערן און פּאַטי סרעדניצקי. — איך ווער אַ סאָציאַליסטקע.— טײַבעטשקע אָשמיאַנסקי און סאָניע לייבאָוויטש.

מײַן שטרעבן צו אַן אידעאָלאָגיע האָט צוערשט געפֿונען איר תּיקון אין ציוניזם, ריכטיקער אין פּאַלעסטיניזם. באַלד נאָך מײַן ערשטן אָנקום קיין ווילנע (מײַן שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ ווילנער אינזשעניער און זיך באַזעצט אין ווילנע), בין איך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אַ קרײַז, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום א י ס אַ ק ג אָ ל ד ב ע ר ג ן. פֿון דער היים שוין האָב איך געבראַכט אַן אינטערעס און סימפּאַטיע צו דער פּאַלעסטינישער באַוועגונג. טיילווײַז האָב איך עס געהאַט צו פֿאַרדאַנקען איינעם אַ יונגן מאַן

* די באַזוכן אין טורמע.

פֿון ביאַליסטאָק, מ א י ר פ י ן, אַ לערער פֿון מײַנע ייִנגערע שוועסטער און ברידער. ער האָט געטרוימט וועגן גרינדן קאָלעקטיוויסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע און דער עיִקר — אין פּאַלעסטינע. אַ דאַנק מײַנע פּאַלעסטיניסטישע סימפּאַטיעס האָב איך אָנגעהויבן צו לערנען העברעיִש און אין משך פֿון אַ קורצער צײַט געהאַט אַ היפּשע פּעולה, אַזוי אַז איך האָב פֿרײַ געלייענט העברעיִשע ביכער און צײַטונגען. איך האָב דעמאָלט געלייענט סמאָלענסקינען, מאַפּו, אַלע אויסגאַבעס פֿון בן-אביגדור און אַנד׳, פֿון י. ל. גאָרדאָנען האָב איך אַפֿילו געקענט אַ סך אויף אויסווייניק. בײַ איסאַק גאָלדבערגן איז מען זיך צונויפֿגעקומען יעדן שבת-צו-נאַכט, מען האָט געהאַלטן פֿאָרטראָגן און געפֿירט שמועסן. דער אינהאַלט פֿון די פֿאָרטראָגן איז געווען אַ גאַנץ פּרימיטיווער; בכלל האָט מען דאָרט, ווי מיר געדענקט זיך, מער געטרונקען טיי, ווי גערעדט וועגן פּאַלעסטינע. גרעסערע פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן פֿאָרקומען אין אַנדערע ערטער, ווי למשל בײַ מײַן קרובֿה בערטע מאַזעל, וואָס איז אַליין קיין פּאַלעסטינקע ניט געווען. מיר, די מיידלעך, די „בנות-ציון“, האָבן געזאַמלט ביכער פֿאַר אַ ביבליאָטעק, אויך געלט. וועגן סאָציאַליזם האָב איך געהאַט זייער אַ מטושטשדיקע פֿאָרשטעלונג.

אַ שטויס צו פֿאַראינטערעסירן זיך מיטן סאָציאַליזם האָט מיר געגעבן וול. ק אָ ס אָ ו ו ס ק י, דעמאָלט נאָך לעווינסאָן. ער איז געווען אַ לערער בײַ אונדז אין הויף פֿאַר מײַנע ייִנגערע שוועסטער און ברידער און האָט אויך מיר צוגעהאָלפֿן זיך צוגרייטן צום עקזאַמען פֿון מאַטעמאַטיק און פֿיזיק. ער פֿלעגט אונדז אָפֿטמאָל דערציילן וועגן די „נאַראָדאָוואָלצעס“, וועגן זייער לעבן און קאַמף, אויך וועגן דער דײַטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ער האָט אָפֿט באַקומען אויסשניטן פֿון דער ליבעראַלער רוסישער צײַטונג „רוסקיע וויעדאָמאָסטי“, צוגעשיקט פֿון גלעבן (מוטניקן), מיט קאָרעספּאָנדענציעס פֿון בערלין. עס זײַנען גראָד דעמאָלט (דוכט זיך, אין יאָר 1895)* פֿאָרגעקומען וואַלן צום רײַכסטאַג, וואָס האָבן געבראַכט אַ גרויסן ניצחון דער דײַטשער סאָצ׳-דעמאָקראַטיע, און וול. קאָסאָווסקי האָט מיט דעם גרעסטן אינטערעס נאָכגעפֿאָלגט דעם פֿאַרלויף פֿון די וואַלן. דאָס אַלץ האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ נײַער אידעיִשער וועלט. אגב האָט קאָסאָווסקי קיין שום פּרוּוון ניט געמאַכט מיך צו אַגיטירן. בכלל האָט ער ווייניק גערעדט; אין זײַן פֿרײַער צײַט האָט ער געווײנטלעך מאַרשירט איבערן צימער און פֿון צײַט צו צײַט אַרײַנגעקוקט אין אַ בוך, וואָס איז געבליבן ליגן אָפֿן שעהן-לאַנג אויף דער זעלביקער זײַט. ער האָט געליטן פֿון שלאָפֿלאָזיקייט און קאָפּווייטאָגן. נאָר אַמאָל, בעתן שפּאַצירן, פֿלעגט ער זיך פֿונאַנדעררעדן וועגן די העלדן פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און זײַן אײַנגעהאַלטענער ענטוזיאַזם האָט אָנגעשטעקט מיט דאָרשט צו העלדנטאַטן און מיט בענקשאַפֿט נאָך גרויסע און העראָיִשע מעשים.

ווען איך בין צום צווייטן מאָל, האַרבסט 1895, געקומען קיין ווילנע, האָב איך שיין געזוכט אַנדערע באַקאַנטשאַפֿטן. אין דעם האָבן מיר צוגעהאָלפֿן מײַנע צוגרייטונגען צום לערער-עקזאַמען. איך האָב באַדאַרפֿט האָבן אַ לערער אויף מאַטעמאַטיק און מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ ר ק אַ ד י ק ר ע מ ע ר ן, דעם שול-חבֿר פֿון מײַן שוואָגער. איך האָב געוווּסט, אַז ער איז אַ סאָציאַליסט — אַן אויסגעשלאָסענער סטודענט, און דאָס האָט מיך באַזונדערס צוגעצויגן. קיין שום זײַטיקע שמועסן האָט מיט מיר אַרקאַדי (קרעמער) ניט געפֿירט, איך האָב אויך זיך ניט דערוועגט דאָס צו טון, בפֿרט אַז ער איז געווען זייער אַ שטרענגער לערער און האָט זיך מיט גרויס ביטול, ווי מיר האָט זיך געדוכט, באַצויגן צו מײַנע מאַטעמאַטישע פֿעיִקייטן. איך פֿלעג נאָר אַמאָל הערן, ווי אין פּאָדערהויז האָט ער געפֿירט שמועסן מיט דער גרויסער צאָל באַזוכער, וואָס פֿלעגן זייער אָפֿט

* די וואַלן צום רײַכסטאַג, ווען די ס. ד. האָבן צום ערשטן מאָל באַקומען זייער אַ גרויסע צאָל שטימען ($1^3/_4$ מיליאָן), זײַנען געווען אין יאָר 1893; די ווײַטערדיקער וואַלן — מיט נאָך אַ גרעסערן ניצחון פֿון דער ס. ד., — אין 1898. — ר ע ד.

איבעררײַסן אונדזערע לעקציעס אין מיטן. איך האָב שוין געקענט מיט די נעמען אייניקע פֿון זיי: דאָס זײַנען געווען אַלעקסעי (מאַרטאָוו), פּאַטי סרעדניצקי, ליובע לעווינסאָן און אַנד׳. די שמועסן האָבן זיי געפֿירט זייער שטיל, דאָך פֿלעג איך גאָר ניט ווילנדיק אויפֿכאַפּן אייניקע זאַכן: מען האָט גערעדט וועגן קרײַזלעך, „סכאָדקעס״, וועגן אַרויסגעבן יִדישע ביכלעך; עס זײַנען שוין צו יענער צײַט געווען אַרויס „פֿון זאַוואָד אין באָד״ און „די פֿאַרפֿאַלענע סאָוועסט״ [אויסער די אומלעגאַלע].

איין מאָל האָט מיר אַרקאַדי געמאָלדן, אַז ער מוז איבעררײַסן די לעקציעס אויף אַ פּאָר וואָכן; די סיבות האָט ער מיר ניט דערקלערט. אין דער צײַט פֿון דער הפסקה האָב איך אים איין מאָל געטראָפֿן אויף זאַוואַלנע גאַס, ער איז געשטאַנען מיט איינעם, פֿאַרטיפֿט אין אַ שמועס; אין אַ פּאָר שעה אַרום בין איך ווידער דורכגעגאַנגען די גאַס און צו מײַן פֿאַרווּנדערונג געטראָפֿן זיי ביידן אויפֿן זעלביקן אָרט. ווען ס׳האָבן זיך געענדיקט די צוויי וואָכן, בין איך אַוועק צו אים זיך צונויפֿריידן וועגן די ווײַטערדיקע לעקציעס; פּאַטי איז מיר אַרויסגעלאָפֿן אַנטקעגן, און בײַ אַרקאַדי אין אָנגערויכערטן צימער האָב איך דערזען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן מיט היץ דיסקוטירט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, זײַנען דאָס דעמאָלט אָנגעגאַנגען די דיסקוסיעס מיט דער „אָפּאָזיציע״; דאָס האָט צוגענומען אַזוי פֿיל צײַט, אַז אַרקאַדי האָט אַפֿילו געמוזט איבעררײַסן זײַנע לעקציעס.

לערך אין יענער צײַט האָט זיך ליובע לעווינסאָן אומגעקערט קיין ווילנע. וועגן איר זיצן אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פֿעסטונג זײַנען אַרומגעגאַנגען פֿאַרשיידענע לעגענדעס. איין מאָל אויף אַ קאָנצערט האָט מען מיר זי אָנגעוויזן; זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווײַסער זײַדענער בלוזע און האָט אויסגעזען זייער בירגערלעך. איך בין געווען אַ ביסל אַנטוישט. איך האָב שפּעטער געהערט, אַז זי האָט חתונה געהאַט, דערבײַ האָט מען דערציילט, אַז אַן אַרבעטערקע איז געקומען צו איר איין מאָל אין אָוונט וועגן אַן ענין פֿון דער באַוועגונג, און ליובע איז אַרויסגעגאַנגען צו איר אַ פֿאַרפּוצטע; אין זאַל זײַנען געווען געסט — דאָס זײַנען געווען אירע „תּנאים״. בכלל אָבער האָט מען וועגן איר גערעדט מיט גרויס דרך-ארץ. שפּעטער בין איך מיט איר פּערזענלעך באַקאַנט געוואָרן. דאָס איז געווען נאָך איר אַרעסט אין ביאַליסטאָק, איידער מ׳האָט זי פֿאַרשיקט קיין סיביר; פּאַוועל,* וואָס איז געווען זײַער באַפֿרײַנדעט מיט דער גאַנצער משפּחה, איז געגאַנגען זיך זען מיט איר און איך בין מיט אים מיטגעגאַנגען. מער האָב איך זי קיינמאָל ניט געזען.

פֿון די לעקציעס מיט אַרקאַדין און דער עיקר פֿון די שמועסן הינטער דער טיר האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס קומט פֿאָר עפּעס וויכטיקס און סודותפֿולס. מיך האָט שרעקלעך געצויגן צו באַהעפֿטן זיך מיט אָט דעם, וואָס קומט בײַ זיי פֿאָר. צו מײַנע עקזאַמענס האָב איך נאָך באַדאַרפֿט האָבן אייניקע ידיעות פֿון פּעדאַגאָגיק און דידאַקטיק. אַרקאַדי האָט מיך אָפּגעשיקט צו גאָזשאַנסקין, וועלכער האָט געהאַט אַ שם פֿון אַ ספּעציאַליסט אויף די געביטן. אין עטלעכע לעקציעס האָט ער מיר געגעבן אַלץ, וואָס איך האָב באַדאַרפֿט האָבן פֿאַר די עקזאַמענס. ווײַטער איז אונדזער באַקאַנטשאַפֿט ניט געגאַנגען. נאָך מײַן דורכגעפֿאַלענעם פּלאַן צו שטודירן מעדיצין האָב איך זיך פֿעסט באַזעצט אין ווילנע און געוואָלט פּרווון עפּעס צו טאָן אין דער באַוועגונג. איך האָב זיך געווענדט צו אַרקאַדין, וועלכער האָט זיך מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט באַצויגן צו מײַן פֿאָרשלאָג און צוגעגעבן מיר מוט. איך האָב צוערשט געוואָלט קריגן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור צום לייענען, און ער האָט מיך ווידער אָפּגעשיקט צו גאָזשאַנסקין, וואָס האָט געהאַט דעם צוטריט צו דער געהיימער ביבליאָטעק. גאָזשאַנסקי האָט מיר געגעבן די פֿאַרבאָטענע ווערק פֿון פּיסאַרעוון, דאָבראָליובאָוון און אַנדערע, וועלכע זײַנען געווען

* פּאַוועל ראָזענטאַל (אַנמאַן).

האַלב לעגאַל. זיי האָבן מיך אָבער ניט באַפֿרידיקט. איך האָב געוווּסט, אַז ס'זײַנען דאָ אַנדערע — דינע ביכלעך, וואָס געבן די אמתע תּורה. האָב איך אים איין מאָל זייער ניט דרייסט געבעטן צו געבן מיר פֿון יענע ביכלעך. גאָזשאַנסקי איז אויפֿגעקאָכט געוואָרן און אָנגעהויבן שרײַען: וואָס הײַלט איר זיך אַזוי, איר וועט נאָך האָבן צײַט דורכצופֿאַלן! ער איז געווען באַוווּסט מיט זײַן שטרענגער קאָנספּיראַציע. מער בין איך צו אים נאָך ביכער נישט געגאַנגען.

מער גליק האָב איך געהאַט בײַ פּאַטין, וועלכע האָט מיר פֿון צײַט צו צײַט געגעבן אויפֿטראָגן — אַוועקטראָגן אַ ביכל, אויסבאַהאַלטן בײַ זיך פּאָטאָגראַפֿיעס, בריוו וכדומה. בײַ דער געלעגנהייט דאַרף דערמאָנט ווערן טײַבעטשקע זעלדאָוו, געבאָרענע אָשמיאַנסקי. זי איז געווען איינע פֿון מײַנע ערשטע באַקאַנטע, מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפֿן אין דער באַוועגונג. אַ באַשיידענע שטילע מיידל, זייער אַ קאָנספּיראַטיווע, שטענדיק מיט פּעקלעך אונטערן מאַנטל, פֿון איין אַרבעטער־דירה אויף דער צווייטער. ווי איך האָב זיך אָנגעשטויסן, האָט זי זיך פֿאַרנומען דער עיקר מיט דער דעמאָלטיקער טעכניק; זי האָט אויך געפֿירט קרייזלעך פֿאַר אָנהייבער, איז געווען אַ מיטגליד אין אַ „סכאָדקע" און געווען פּאַטיס רעכטע האַנט. זי איז געווען — וואָס מען רופֿט — אַ „האַלב־אינטעליגענטקע" און האָט זיך אויסגעהאַלטן פֿון גראָשן־לעקציעס פֿון „גראַמאָטע", וועלכע זי האָט אין די שפּעטע אָוונט־שעהן געגעבן אַרבעטער. דאָס איז געווען איינע פֿון די אומבאַקאַנטע זעלנערס אין דער באַוועגונג, וואָס זייערע נעמען פֿאַלן געוויינטלעך ניט אַרײַן אין דער געשיכטע. זי האָט געשטאַמט פֿון ווילקאָמיר, פֿון דעם קרײַזל, צו וועלכן ס'האָבן געהערט אַלעקסאַנדער זעלדאָוו, איר שפּעטערדיקער מאַן, ראָזע לעוויט (פֿרידע), סאָניע לייבאָוויטש און אַנד'. טײַבעטשקע האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַקטיוו אין דער באַוועגונג ניט באַטייליקט, נאָר זי איז איר גאַנץ לעבן געבליבן אַ געטרײַע בונדיסטקע. זי האָט געאַרבעט אַלס ציין־דאָקטאָר אין אַ טעקסטיל־פֿאַבריק אין לענינגראַד און מיט אַ יאָר פֿיר־פֿינף צוריק געשטאָרבן. די דערמאָנטע סאָניע לייבאָוויטש, אַן אַקושערין, איז געווען אַרעסטירט אין ביאַליסטאָק אין מערץ 1902, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ביאַליסטאָקער קאָנפֿערענץ פֿון דער רוסל' ס"ד פּאַרטיי, באַקומען 3 יאָר סיביר און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין פּעטערבורג אין 1907 אָדער 1908. זי איז שטענדיק געווען זייער אַ נערוועזע, אָבער די מאָסקווער טורמע האָט אין גאַנצן רויִנירט איר נערוון־סיסטעם. דער זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניק אוראַנאָוו, וואָס האָט געפֿירט אונזער פּראָצעס, האָט געפֿונען אַ באַזונדער פֿײַנעם מיטל זי צו פּײַניקן: איר פֿאָטער איז געווען גײַסטיק קראַנק, זײַן פּסיכאָז איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פֿלעגט שטענדיק אַרומפֿאָרן פֿון איין אָרט אין צווייטן; זײַענדיק אין טורמע איז זי געווען אין איין שרעק, אַז דער פֿאָטער וועט זיך דערוויסן וועגן איר אַרעסט און וועט קומען קיין מאָסקווע; דאָס האָט קענטיק געפֿונען אַן אויסדרוק אין אירע בריוו, וועלכע זײַנען געגאַנגען דורך אוראַנאָוון. פֿלעגט ער זי בײַ דער נאַכט אַרויסרופֿן אויפֿן פֿאַרהער און אין מיטן דער העכסטער אָנגעשטרענגטקייט און שפּאַנונג אַ זאָג טאָן: „סאָניטשקאַ, אײַער פֿאָטער איז דאָ, אָט קומט ער אַרײַן", אָדער אַ צווייט מאָל: „אויב איר וועט זיך אײַנשפּאַרן, רופֿ איך טעלעגראַפֿיש אַרויס דעם פֿאָטער", און אַזוי ווײַטער. געפּועלט האָט ער בײַ איר גאָרנישט, נאָר דערפֿירט זי ביז משוגעת, פֿון וועלכער זי האָט זיך שוין ניט געקענט אויסהיילן...

## VI

מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט פּאַוועל ראָזענטאַל. — דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט". — די ערשטע קרייזלעך. — מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיטן מאַרקסיזם. — בעלטאָוו.

מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט פּאַוועלן אָדער פּינאַי ראָזענטאַל איז פֿאָרגעקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט מײַנע עקזאַמענס. אויף אַ ציוניסטישער פֿאַרזאַמלונג בײַ



אַ. ליטוואַק

(1932 — 1874)



בייניש מיכאַלעוויטש (יוסף איזביצקי)

(1928—1867)



נח - י. פּאָרטנאָי

(1903 ארום)

בערטע מאַזעל, וווּהין ס׳פֿלעגן קומען אויך ניט-ציוניסטן, ווי אין אַן אָרט, וווּ מען קען זיך טרעפֿן און דורכשמועסן, האָט מען מיך באַקאַנט געמאַכט מיט פינאַיען. ער האָט געהאַט שילערינס, וואָס ער האָט געגרייט צו עקזאַמענס, און האָט זיך אינטערעסירט מיט די פּרטים פֿון מײַן עקזאַמען. קורץ נאָכדעם האָב איך אָנגעהויבן נעמען אָנטייל אין דער אַרבעט בײַם אַרויסגעבן און פֿאַרשפּרייטן „זשאַרגאָנישע״ ליטעראַטור. צוערשט האָב איך באַקומען דעם אויפֿטראָג צו ווערבירן מיטגלידער, וועלכע האָבן באַדאַרפֿט צאָלן אַ מאָנאַטלעכע באַשטײַערונג; דאָס געלט פֿלעג איך אַרײַנטראָגן צו פינאַיען, וואָס איז געווען דער קאַסירער. בײַ אים האָב איך אויך באַקומען ביכלעך צו פֿאַרשפּרייטן. דער קרײַז פֿון מײַנע באַקאַנטע איז דעמאָלט געווען דאָס רובֿ אַ בירגערלעכער, און איך האָב אַרײַנגעשטופּט וועמען ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט אַ ביכל און באַקומען די עטלעכע קאָפּיקעס. דעם זעלביקן ווינטער פֿון 1896 בין איך אַרײַנגעטראָטן אין „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט״, וועלכער האָט זיך מיט עטלעכע חדשים פֿריער געגרינדעט. פֿון די אָנטייל-נעמער אין דעם קאָמיטעט געדענק איך, אויסער פינאַי ראָזענטאַל, אויך צילע קליס*, בוצקע (באָריס) לעווינסאָן, אַבראַם אַמסטערדאַם, שפּעטער איז צוגעקומען חיים-יאַנקל (אַ. ליטוואַק). אויף די זיצונגען האָט מען זייער פֿיל צײַט אָפּגעגעבן פֿאַר לייענען און רעדאַגירן די בראָשורן, וועלכע ס׳האָט דעם עיקר אָפּגעקליבן פינאַי. מען פֿלעגט אָפּזיצן בײַ דער אַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט. די גרעסטע זאָרג איז געווען מיטן איבערזעצן און דרוקן; עס איז אָנגעגאַנגען אַן אומענדלעכע קאָרעספּאָנדענץ מיט קאָטיקן, וואָס איז געווען דער אַרויסגעבער, ער איז געווען שרעקלעך ניט פּינקטלעך, געפּאָדערט כּסדר אַוואַנסן און קיין מאָל ניט אויסגעפֿירט די אַרבעט צום טערמין. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די שטענדיקע אומזיכערקייט מיט דער צענזור, וואָס האָט זיך פֿיל שטרענגער באַצויגן צו די ייִדישע איבערזעצונגען, ווי צו די רוסישע אָריגינאַלן. די אויגן פֿלעגן אַרויסקריכן, ביז וואַנען מען האָט זוכה געווען צו דערזען די בראָשור פֿון דרוק. אונדזער הויפּט-אָרגאַניזאַטאָר איז געווען פינאַי, אָבער ער איז אויך געווען זייער פֿאַרנומען מיט דער אַגיטאַציע-אַרבעט. איך געדענק אַ רעפֿעראַט וועגן „זשאַרגאָן״, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ווילנע פֿאַר אַ גרויסער פֿאַרזאַמלונג פֿון שטודירנדיקער יוגנט און אָרטיקער אינטע-ליגענץ. די פֿאַרזאַמלונג איז געווען אַ געהיימע אויף אַ פּריוואַטער דירה. דעם רעפֿעראַט האָט ער געלייענט אויף רוסיש, פֿון אַ העפֿט, און ער איז געווען זייער אינטערעסאַנט און איבערצײַגנדיק. דעם זעלביקן זומער האָט ער אונטערגענומען אַ רײַזע קיין וויטעבסק, וווּ ער האָט געקראָגן אַ סך פֿאַרבינדונגען. ווען פינאַי איז האַרבסט 1896 אָנגעקומען ווידער אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט, האָב איך איבערגענומען אין ווילנע די אָרגאַני-זאַציאָנעלע אַרבעט פֿון „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט״. צו יענער צײַט האָט זיך שוין געהאַט די אַרבעט שטאַרק פֿאַרברייטערט און פֿאַרצווײַגט. עס זײַנען געווען אַרויסגעגעבן בײַ אַ צענדלינג פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע ביכלעך; דער קאָמיטעט האָט געהאַט אַ מין אָפּטיי-לונג אין בערלין — דעם פֿאַרלאַג „צײַטגײַסט״, וואָס בראש פֿון אים איז געשטאַנען דוד פּינסקי. דער דאָזיקער פֿאַרלאַג האָט געאַרבעט אין ענגסטן קאָנטאַקט מיט אונדזער קאָמיטעט, וועלכער פֿלעגט בײַ אים באַשטעלן ביכלעך און געווען זײַן איינציקער אָפּנעמער.

צווישן אַנדערע דערמאָנט זיך מיר איינער אַ יונגערמאַן ראַוויקאָוויטש פֿון האָמלע, אַ בערלינער סטודענט, אויף וועלכן מען האָט געלייגט גרויסע האָפֿענונגען, ווי אויף אַ מחבר און פֿאַרלעגער. ער האָט געהאַט אַ ביסל געלט און איז געווען גרייט אַרײַנצולייגן עס אין אַ פֿאַרלאַג; דערפֿון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען, אָבער מיר האָבן לאַנג געהאַט מיט אים צו טאָן, ער האָט אַלץ צוגעזאָגט, און דער ענין האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט. איך געדענק דעם לעצטן אולטימאַטום, שוין אין מערץ 1898, וואָס מיר האָבן אים געשיקט

* די פֿרוי פֿון גאָזשאַנסקין.

דורך אסתר שניאורסאָן, אַז מיר וועלן איבעררײַסן די באַציִונגען, אויב ער וועט ניט צוטרעטן צו דער אַרבעט. מיט דעם דאָזיקן אולטימאַטום האָט זיך פֿאַרענדיקט דער קאַפּיטל ראַוויקאָוויטש.

די זיצונגען פֿון „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט״ פֿלעגן פֿאָרקומען דאָס רובֿ אין בורזשואַזע דירות, להיפּך צו די קרײַזלעך און אַנדערע זיצונגען, וואָס פֿלעגן שטענדיק זײַן אויף אַרבעטער-דירות. אָפֿט, געדענק איך, פֿלעגט זיך אונדזער קאָמיטעט צונויפֿקומען בײַם דאַנטיסט מאָזעס אויף ברייטער גאַס, אָדער בײַ דער פֿאַרמאַצעווטקע יאָסעלסאָן און בײַ צילע קליס, וואָס האָט געוווינט בײַ איר שוועסטער.

די אויפֿגאַבע פֿון „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט״ איז געווען גלײַכצײַטיק אַרויסצוגעבן די ביכלעך און פֿאַרשפּרייטן זיי. בײַם אָפּקלײַבן דעם מאַטעריאַל האָבן מיר געהאַט אין זינען צו געבן די אַרבעטער אין אַ פּאָפּולערער פֿאָרם וויסנשאַפֿטלעכע ידיעות, וואָס די אַרבעטער זאָלן קענען אָן זײַטיקער הילף באַקומען דירעקט פֿון די ביכלעך, און אויך—בעלעטריסטישע ווערק, וואָס זאָלן ווירקן אויף זייערע סאָציאַלע געפֿילן, וועקן בײַ זיי פּראָטעסט- און קאַמף-שטימונגען. אַזוינע ביכלעך איז געווען זייער שווער צו געפֿינען. פּרץ איז דאָס רובֿ ניט געווען גאַנץ פֿאַרשטענדלעך פֿאַרן פּשוטן אַרבעטער, וואָס האָט קוים געקענט לייענען. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף „באָנציע שווײַג״, אָבער די צענזור האָט עס ניט דורכגעלאָזן; מיר האָבן איבערגעדרוקט פּרצעס „שטרײַמעל״ און פּינסקיס „חיים משרת״; עס איז אויך געווען איבערגעזעצט און גרייט צום דרוק „ספּאַרטאַק״; פֿאַר וואָס מען האָט עס ניט אַרויסגעגעבן, געדענק איך ניט. ביכלעך וועגן נאַטורוויסנשאַפֿט און וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָט מען געקענט שעפּן פֿון דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ גרויסע צאָל אויסגאַבעס פֿון דעם מין, ווי למשל – לונקעוויטש, רובאַקין, קאָראָפּטשעווסקי און אַנדערע, אָבער די אַלע ביכלעך האָבן געהאַט אין זינען דעם רוסישן אַרבעטער און פּויער, די בײַשפּילן זײַנען גענומען געוואָרן פֿון רוסישן לעבן און זײַנען געווען ווייניק צוגעפּאַסט צום ייִדישן אַרבעטער-לייענער. מיר האָבן געשטרעבט צו אָריגינעלע ווערק, און די צוויי ביכלעך „ווינטער-אָוונטן״ פֿון חיה זעלדעס (אַ. ליטוואַק) זײַנען געווען אַן אמתער אוצר פֿאַר אונדז.

די פֿאַרשפּרייטונג פֿון די אויסגאַבן איז אויך ניט געווען אַזאַ פּשוטע זאַך; מען האָט זיך באַדאַרפֿט מיט זיי היטן, כּמעט ווי מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור. די פּאָליצײַ האָט געשפּירט, אַז ס'איז דאָ אַ דירעקטע פֿאַרבינדונג צווישן די צענזורירטע ביכלעך און דער אומלעגאַלער אַרבעטער-באַוועגונג, און בײַ יעדער געלעגנהייט קאָנפֿיסקירט די ביכלעך און אַרעסטירט די פֿאַרשפּרייטער. אַזוי זײַנען דורכגעפֿאַלן אין יאָר 1896 צילע קליס, איליאַ ראָזענבערג, אַבראַם אַמסטערדאַם און נאָך אַ פּאָר וויטעבסקער חבֿרים. דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט״ האָט די גאַנצע צײַט געזוכט אַ לעגאַלן אָרט, פֿון וואַנען מען זאָל קענען פֿונאַנדערשיקן זײַנע אויסגאַבעס און נאָך אַנדערע, וואָס זײַנען געווען צוגעפּאַסט פֿאַר אַן אַרבעטער-ביבליאָטעק -- ווילנע איז דאָך געווען דער צענטער, וווּהין עס פֿלעגט זיך שטענדיק ווענדן נאָך לעגאַלער און אומלעגאַלער ליטעראַטור פֿאַרן ייִדישן אַרבעטער וואַרשע, ביאַליסטאָק, דווינסק, וויטעבסק און אַנד' שטעט פֿון ייִדישן תּחום. מיט דער צײַט זײַנען צוגעצויגן געוואָרן, דער עיקר צו דער פֿאַרשפּרייטונג, מאַקס מאַזאָווער (מאַקס דער ווײַסער), אבֿרהם גאַסעלניק און באָריס קלעצקין. ענדלעך האָט זיך אין יאָר 1897 אײַנגעגעבן צו געפֿינען אַ ווינקל אין אַ ספֿרים-קרעמל, און מען האָט שוין געקענט אָנווײַזן אַ לעגאַלן אַדרעס. די צווייטע מדרגה איז געווען—אַ זעלבשטענדיקע קראָם אויפֿן נאָמען פֿון א. גאַסעלניק, אָבער דאָס איז שוין געשען נאָך מײַן אַוועקפֿאָרן פֿון ווילנע.

פֿון די מיטאַרבעטער פֿון „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט״ איז מיר באַזונדערס פֿאַרבליבן אין זכּרון אַבראַם אַמסטערדאַם. אַ הויכער דאַרער יונגערמאַן, מיט אַ בלאַסן פּנים, פֿאַר-חלומטע אויגן און אַ לאַנגער טונקעלער באָרד, האָט ער אויסגעזען אַזוי, ווי מען

מאָלט קריסטלעכע הייליקע. ער האָט גערעדט מיט אַ טיפֿער ברוסטשטים. מען האָט וועגן אים דערציילט, אַז ער איז אַ זעלטענער אַגיטאַטאָר און האָט נאָך זיך געפֿירט די גאַנצע וויטעבסקער יוגנט. קיין מאַרקסיסט איז ער ניט געווען, דאָס האָט זיך גאָרניט געפּאַסט צו זײַן גאַנצער פּערזענלעכקייט; ער איז אין קאָמיטעט געווען מער „ייִד“ פֿאַר אונדז אַלעמען; אויסער אפֿשר איליאַ ראָזענבערגן, האָבן מיר אַלע גערעדט רוסיש און צו דער ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישער שפּראַך געהאַט אַ קליינע שײַכות...

ח׳ אַרקאַדי האָט ניט לאַנג פֿאַר זײַן טויט דערציילט וועגן דעם, ווי ער האָט זיך צום ערשטן מאָל געטראָפֿן מיט אַמסטערדאַמען. איין מאָל, בעת אַרקאַדי האָט זיך אומגעקערט פֿון אַ קאָנדיציע, וואָס ער האָט געהאַט אין וויטעבסקער גובערניע, איז אים אויסגעקומען צו זײַן אין וויטעבסק; די חברים האָבן אים דערציילט, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַ יונגער ציוניסט, וואָס האָט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויף דער וויטעבסקער יוגנט, און האָט אים פֿאָרגעלייגט צו מאַכן אַ דיסקוסיע מיט אַמסטערדאַמען. עס האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַ גרויסער עולם און עס איז פֿאָרגעקומען אַ צווייקאַמף צווישן אַמסטערדאַמען און אַרקאַדין. די דיסקוסיע האָט זיך פֿאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט; אַרקאַדי איז אַרויס דער זיגער, און פֿון דעמאָלט אָן איז אַמסטערדאַם אַריבער צו די סאָציאַליסטן.

איך בין שוין צו יענער צײַט געווען אַ ביסל טעטיק אין דער באַוועגונג גופֿא, האָב געפֿירט אַרבעטער־קרײַזלעך, צוערשט פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט, דערנאָך פֿון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און לויט לאַסאַלס „דער עיִקר פֿון קאָנסטיטוציע“. פֿאַר אַ הילפֿסבוך צו נאַטור־וויסנשאַפֿט האָט געדינט דאָס רוסישע זייער פּאָפּולערע בוך פֿון זאָבאָוון „שמועסן וועגן נאַטור“; דאָרט זײַנען אייגנטלעך געווען עלעמענטאַרע ידיעות פֿון כעמיע. פֿאַר די שמועסן וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָבן מיר זיך באַנוצט מיט עפּעס אַ געשריבענער און צעריסענער בראָשור אָן אַ נאָמען, אויף רוסיש; שפּעטער איז אַרויס מאַרקס׳ „אַרבעט און קאַפּיטאַל“; לאַסאַלס „דער עיִקר פֿון קאָנסטיטוציע“ איז געווען אַן אויסלענדישע אויסגאַבע אויף רוסיש.

איך האָב אויך געהאַט אַ שײַכות צום פּאָליטישן „רויטן קרייץ“. אַ דאַנק מײַנע בירגערלעכע באַקאַנטע, מיט וועלכע איך פֿלעג זיך טרעפֿן בײַ מײַן שוועסטער, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו קלײַבן געלט פֿאַרן „רויטן קרייץ“ און אויך אָפּטמאָל פֿאַר שטרײַקער. איך דערמאָן זיך אַ גרעסערע פֿאַרזאַמלונג אין אַ זומער־וווינונג אויף סאָסקע קעמפּע, אויף וועלכער עס איז אויך געווען ל ע אָ ן ג אָ ל ד מ אַ ן, ליבערס ברודער, און א. וו ײַ ט ע ר־דעווענישסקי; אויף דער פֿאַרזאַמלונג האָט מען אויסגעאַרבעט דעם סטאַטוט פֿון „רויטן קרייץ“. אין דער זעלביקער צײַט געדענק איך זיך אויף זיצונגען אין דער שוסטער־„סכאָדקע“. מעגלעך אָבער, אַז דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1898, נאָך דער גרינדונג פֿון „בונד“.

כאַראַקטעריסטיש, אַז נאָך דעמאָלט און אפֿשר אויך שפּעטער האָב איך געגעבן אומזיסטע לעקציעס יונגע לײַט, דער עיִקר ישיבֿה־בחורים, וואָס פֿלעגן קומען פֿון דער פּראָווינץ קיין ווילנע זיך גרייטן צו כּלערליי עקזאַמענס, אָדער גלאַט לערנען רוסיש און וועלטלעכע לימודים. ס׳האָט אין ווילנע עקסיסטירט צוליב דעם אַ ברייט פֿאַרצווײַגטע אָרגאַניזאַציע; אין צענטער פֿון איר איז געשטאַנען איינע אַ פֿרײַלין — רחל (ראַכעל) קלאַטשקאָ, אַ שוועסטער פֿון דעם באַקאַנטן ייִדיש־רוסישן פּעטערבורגער פּובליציסט לוואָוו; זייער פֿאָטער איז געווען אַ לאַנד־שדכן און זייער אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין ווילנע. צו דער דאָזיקער ראַכעל פֿלעגן זיך ווענדן הונדערטער אַזעלכע יונגע לײַט, געקומענע פֿון דער פּראָווינץ, און זי האָט געהאַט אַרום זיך אַ גאַנצע אַרמיי פֿון יונגע אינטעליגענטן — מיידלעך און בחורים, — וואָס פֿלעגן אַרײַנפֿירן די יונגע לײַט, וואָס האָבן געגאַרט נאָך בילדונג, אין די סודות פֿון דער רוסישער גראַמאַטיק. די אַרבעט האָט געטראָגן אַ פֿילאַנטראָפּיש־אויפֿקלערערישן כאַראַקטער און מיט פּאָליטיק קיין שום שײַכות

ניט געהאַט. אַזוי האָב איך צווישן מײַנע תּלמידים געהאַט איין צײַט אַ יונגן מאַן, וואָס האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות און באַדאַרפֿט האַלטן אַן עקזאַמען אויף רוסיש כּדי צו באַקומען אַ שטעלע פֿון אַ רבֿ.

מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיטן מאַרקסיזם האָב איך דער עיקר צו פֿאַרדאַנקען בעלטאָווס בוך. אויב עס איז מעגלעך, אַז איין בוך זאָל האָבן אַ דעצידירנדיקע ווירקונג אויף דער גאַנצער וועלטאַנשויונג, איז דאָס פֿאַר מיר געווען בעלטאָווס בארימט בוך „וועגן דעם מאָניסטישן אויפֿנעם פֿון דער געשיכטע"*. איך האָב עס געלייענט זומער 1896, באַלד ווי עס איז אַרויס. פֿאַר מיר האָט זיך געעפֿנט אַ נײַע גײַסטיקע וועלט, מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך האָב געפֿונען דעם שליסל צו די לעבנס-פּראָבלעמען, און אַ פֿריידיקע און זיכערע שטימונג האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך בין שוין פֿון פֿריער אַ ביסל געווען באַקאַנט מיט די פֿראַגן און האָב מיט דעם גרעסטן אינטערעס געלייענט די פּאָלעמיק, וואָס האָט זיך געפֿירט צווישן די „נאַראָדניקעס" און די „מאַרקסיסטן" אין די רוסישע זשורנאַלן, אָבער בעלטאָוו-פּלעכאַנאָוו האָט מיר געגעבן אַ סיסטעם, אַ לאָגישן און קאָנסעקווענטן לעבנס-באַנעם, און דאָס האָט מיך געמאַכט ממש גליקלעך. שוין אַליין לייענען דאָס בוך איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכער גײַסטיקער פֿאַרגעניגן; איך בין געווען אַזוי פֿאַרכאַפּט און האָב זיך ניט באַרויִקט, ביז איך האָב אים ניט איבערגעלייענט נאָך אַ מאָל צוזאַמען מיט מײַן שוועסטערקינד, אַ ריגער סטודענט, וועלכער איז אויך פֿון דעמאָלט אָן געוואָרן אַ מאַרקסיסט (איצט אַ קאָמוניסט אין מאָסקווע).

מײַן ווײַטערדיקע מאַרקסיסטישע אויסבילדונג האָב איך באַקומען אין אַ קרײַזל, וועלכן ס'האָט אָנגעפֿירט מאַרק שאַט, אַ געוועזענער סטודענט, אַרויסגעשיקט קיין ווילנע פֿאַרן אָנטייל אין דער פּעטערבורגער אַרבעטער-באַוועגונג. די מיטגלידער פֿון דעם קרײַזל זײַנען געווען טאַראַס (דוד קאַץ), ציליע קליס און בערטע אַס, אַ לערערקע. אָבער ווײַטער פֿונעם ערשטן קאַפּיטל פֿון מאַרקס „קאַפּיטאַל" זײַנען מיר שאָטן ניט אַוועק. דערפֿאַר איז דאָס געווען זייער אַ גרינדלעכע דורכאַרבעטונג; יעדער געדאַנק, יעדער וואָרט איז געווען קאָמענטירט און ברייט אַרומגערעדט. די אָוונטן, וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט בײַם לייענען דעם „קאַפּיטאַל", צוערשט אין קרײַז, נאָכדעם זאַלבענאַנד מיט טאַראַסן, זײַנען פֿאַרבליבן אין מײַן זכּרון, ווי אַן אמתער גײַסטיקער יום-טובֿ. טאַראַס און איך פֿלעגן אין דעם קרײַזל זײַן זייער אַקטיוו, גיך אויפֿכאַפּן די געדאַנקען, די איבעריקע מיטגלידער אָבער זײַנען שטאַרק אָפּגעשטאַנען — זיי זײַנען געווען עלטער, מער אויסגעמאַטערט פֿון אונדז און די קעפּ ניט אַזוי פֿריש און אויפֿנעם-פֿעיִק; דאָס האָט געשאַפֿן אַ ביסל אומאָנגענעמע באַציִונגען. בכלל אָבער האָב איך זיך אין דער באַוועגונג כּמעט פֿונעם ערשטן טאָג אָן געפֿילט זייער היימיש און וואַרעם, געהאַט עטלעכע נאָענטע חבֿרים, מיט וועלכע מיר פֿלעגן נאָך אַ זיצונג אָדער פֿאַרזאַמלונג אַרומשפּאַצירן שעהן-לאַנג איבער די שטילע גאַסן פֿון ווילנע און פֿירן אומענדלעכע שמועסן און דיסקוסיעס. ניט אַלע האָבן זיך אַזוי גוט געפֿילט; עס זײַנען געווען אַ סך חבֿרים, באַזונדערס חבֿרטעס, וואָס האָבן זיך געקלאָגט אויף ניט-היימישע חבֿרשע באַציִונגען, אויף ווילנער טרוקנקייט און ראַציאָנאַליזם... ווי אַ מוסטער פֿון „ווילנער נוסח" האָט מען דערציילט, אַז איין מאָל האָט אַ וואַרשעווער חבֿרטע, אַ יונגע לעבעדיקע מיידל, מיט באַגײַסטערונג געשילדערט פֿאַר סערגיי זעלדאָוון די שיינקייט פֿון ים, וואָס זי האָט ניט לאַנג געזען; סערגיי האָט זי קאַלט איבערגעריסן: „אַ ים, וואָס איז אַזוינס אַ ים?—אַ גרויסע אָנזאַמלונג פֿון וואַסער"...

---

* בעלטאָוו — פּסעוודאָנים פֿון פּלעכאַנאָוון; זײַן בוך „О монистическом взгляде на историю" איז אַרויס לעגאַל אין 1896. — רעד'

זומער 1897 בין איך אויף אַ פּאָר חדשים אַוועקגעפאָרן אַהיים. ווען איך בין נאָך סוכּות געקומען צוריק קיין ווילנע, איז דער ערשטער מענטש, וואָס איך האָב געטראָפן אַרויסגייענדיק פון שטוב, געווען גליעב (מוטניק). ער האָט מיר גענומען דערציילן, וואָס איז געשען פאַר דער צײַט: עס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין די „אַרבעטער-שטימע"; עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „בונד"; עס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן פּאַטי און אַנדערע חבֿרים. איך קען ניט זאָגן, אַז איך האָב אין יענעם מאָמענט אָפּגעשאַצט די גאַנצע וויכטיקייט פון די ערשטע צוויי געשעענישן, נאָר פאַרכאַפּט בין איך געוואָרן פון די אַלע נײַעס. אין אַ פּאָר חדשים אַרום בין איך קאָאָפּטירט געוואָרן אין ווילנער קאָמיטעט פון „בונד", אָבער דאָס געהער שוין צו אַן אַנדער תּקופה און גייט ניט אַרײַן אין מײַן הײַנטיקער טעמע.

# פּאַוועל ראָזענטאַל־אַנמאַן

(געב׳ מאַי 1872, געשט׳ פֿעברואַר 1924)

פּאַוועל (פּנחס) ראָזענטאַל-אַנמאַן האָט געהערט צום זעלביקן דור טוער פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג און איז געווען געקנאָטן פֿון דעם זעלביקן טייג, ווי די פּיאָנערישע גרופּע, וואָס האָט געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿון „בונד״.

אַליין אַ האַלב אַסימילירטער אינטעליגענט, ווערט ער די נשמה פֿון „זשאַרגאָנישן״ קאָמיטעט, וואָס שטעלט זיך די אויפֿגאַבע אַרויסצוגעבן און פֿאַרשפּרייטן פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע און סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פֿאַר דער יידישער אַרבעטער-מאַסע אין דער יידישער שפּראַך.

דורך און דורך אַן אינטערנאַציאָנאַליסט, ווען ס׳זײַנען פֿרעמד נאַציאָנאַלע אַמביציעס און לײַדנשאַפֿטן, נעמט ער דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין שאַפֿן די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פֿון „בונד״. אַן אינטעליגענט, גענייגט צו טעאָרעטישע פֿראַגן און אַלגעמיינע פּראָבלעמען, גיט ער זיך אָפּ מיט לײַב און לעבן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט און די טאָגפֿראַגן פֿון דער באַוועגונג. אַן אויסגעשפּראָכענער פּאָליטיקער לויט זײַנע אינטערעסן און נייגונגען, זאָרגט ער אָן אויפֿהער אויך וועגן די קולטורעלע נויטן פֿון די יידישע מאַסן: נאָך זײַענדיק אַ יונגער סטודענט ווערט ער דער איניציאַטאָר פֿון אַן אָוונט-שול אין ווילנע — די ערשטע אָוונטשול פֿאַר יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד — און אין די שפּעטערדיקע יאָרן פֿון אַ ביבליאָטעק, וועלכע ווערט איינע פֿון די גרעסטע יידישע פֿאָלקס-ביבליאָטעקן.

און דאָך, אַ מענטש פֿון איין גוס, אַ צילבאַוווסטער, אַ קאָנסעקווענטער ביז גאָר, אַ געבילדעטער מאַרקסיסט, אַ סאָציאַליסט, ניט נאָר לויטן געפֿיל נאָך, נאָר אַ טיף איבערצײַגטער אין דער אומפֿאַרמײַדלעכקייט פֿון סאָציאַליזם, און קיין שום מפּלות און ספֿקות קענען ניט צעטרייסלען זײַן גלויבן, וואָס ער בלײַבט אים געטרײַ ביז דעם לעצטן אָטעם זײַנעם.

פּאַוועל ראָזענטאַל האָט געשטאַמט פֿון ווילנע, פֿון עלטערן, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט אין זייער מעבל-געשעפֿט. דער אידעאַל און ציל פֿון זייער לעבן איז געווען — מאַכן די זין פֿאַר דאָקטוירים. דאָס האָט זיך זיי אײַנגעגעבן נאָר צום טייל: פֿון די זעקס זין זײַנען צוויי געוואָרן דאָקטוירים, צוויי פֿאַרמאַצעווטן, איינער אַ צאָנדאָקטאָר, און איינער, וועלכער האָט גאָר קיין חשק ניט געהאַט צום לערנען, אַ סוחר. זייער גאַנץ לעבן געציטערט איבער די זין, זיי זאָלן חס ושלום ניט קאַליע מאַכן זייער קאַריערע מיט פּאָליטיק, — און ניט אָפּגעהיט. דעם ערשטן אַרעסט פֿון פּאַוולען האָט די מוטער אַפֿילו צו פֿאַרדאַנקען איר האַרצקראַנקייט, וואָס האָט זי געמאַטערט ביזן סוף פֿון איר לעבן. פּאַוולען — אָדער פּינאַיען, ווי מען האָט אים גערופֿן אין שטוב און צווישן די חבֿרים, — פֿלעגט זי בײַ זײַן אָפּפֿאָרן אין אוניווערסיטעט באַלייטן מיט די ווערטער: „זאָל דיר נאָר ניט אַרן, וואָס ניקאָלאַי איז קייסער״... די סאָציאַליסטן האָט זי גערופֿן איראָניש „דער מיליאָן״; דאָס האָט געשטאַמט פֿון אַ שמועס, וואָס זי האָט געהאַט מיט איר יינגסטן זון, אויך אַ געכאַפּטן אויף דער מעשה, — זי האָט זיך בײַ אים געבעטן: „געוואַלד, וואָס פּטרסט דו דײַנע יונגע יאָרן, וואָס ווערסטו,

אַ גאָרנישט, אויפֿטאָן קעגן ניקאָלאַיען און זײַן מחנה?" אויף דעם האָט ער געענטפֿערט: „דו מיינסט, אַז איך בין אַליין, מיר זײַנען אַ מיליאָן!" פֿון דער צײַט אָן איז אַוועק אין דער פֿאַמיליע דאָס ווערטל „דער מיליאָן".

פּאַוולען האָט מען אָפּגעגעבן אין חדר, נאָר ער איז דאָרט ניט לאַנג פֿאַרבליבן. דער „תּכלית" האָט געשטויסן וואָס פֿריער אָפּצוגעבן אין גימנאַזיע. פֿון חדר האָט ער קיין שום ייִדיש וויסן ניט אַרויסגעטראָגן און ביזן סוף פֿון זײַן לעבן ניט געקענט זיך אַן עצה געבן מיטן אויסלייג פֿון די העברעיִשע ווערטער. אין שטוב האָט מען גערעדט רוסיש, די ברידער צווישן זיך און מיט די עלטערן. פּאַוולען איז גאַנץ שווער אָנגעקומען דאָס רעדן ייִדיש. בכלל האָט ער געהאַט אויסגעשפּראָכענע מאַטעמאַטישע פֿעיִקייטן און אַ גרויסן אינטערעס צו געשיכטע און געאָגראַפֿיע; שפּראַכן פֿאַרקערט האָבן זיך אים שווער אײַנגעגעבן, באַזונדערס רעדן אויף פֿרעמדע שפּראַכן. ער ענדיקט די גימנאַזיע מיט אַ מעדאַל און וויל ווערן אַן אינזשיניער, אָבער דאָס גיט זיך אים ניט אײַן, און ער פֿאַלט אַרײַן אין אוניווערסיטעט אין כאַרקאָוו אויף מעדיצין. קיין ספּעציעלן אינטערעס צו מעדיצין האָט ער ניט געהאַט און ער באַמיט זיך אויסצוקלײַבן אַן ענגערע ספּעציאַליטעט, וואָס זאָל בײַ אים ניט צונעמען צו פֿיל צײַט.

אין גימנאַזיע און די ערשטע יאָרן אין אוניווערסיטעט נעמט ער אָנטייל אין חבֿרים-קרײַזלעך. אין יאָר 1893 ווערט ער אַרעסטירט און נאָך 6 חדשים זיצן אין וואַרשעווער ציטאַדעל אַרויסגעשיקט קיין ווילנע אונטער פּאָליצייִשער השגחה. דאָ הייבט זיך ערשט אָן זײַן אייגנטלעכע רעוואָלוציאָנערע קאַריערע.

ס'איז די צײַט נאָך פֿאַרן „בונד", אָבער אין ווילנע גייט אָן אַ לעבעדיקע אַרבעט. פּאַוועל ווערט אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, און באַלד דערפֿילט ער די גרויסע נויט אין געדרוקטן וואָרט פֿאַר ייִדישע אַרבעטער. ער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַרויסגעבן און פֿאַרשפּרייטן ייִדישע ליטעראַטור אין דעם אַזוי גערופֿענעם „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט". אין 1896 ווערט ער ווידער אָנגענומען אין אוניווערסיטעט און ענדיקט אים אין 1898. אין דעם דאָזיקן צווייטן פּעריאָד פֿון זײַן שטודירן אין כאַרקאָוו אַרבעט ער אינטענסיוו צווישן די סטודענטן, אין דער ווילנער לאַנדסמאַנשאַפֿט, וועלכע זאַמלט געלט פֿאַר דער ווילנער באַוועגונג און גיט אַרויס העקטאָגראַפֿישע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. ער פֿירט אויך קרײַזן צווישן דער ייִדישער יוגנט, וואָס ציט זיך פֿון תּחום נאָך בילדונג. אין דער זעלביקער צײַט, אין 1898, הייבט ער זיך אָן צום ערשטן מאָל דרוקן. אין דער ווילנער רוסישער צײַטונג „סעוועראָ-זאַפּאַדנאַיאַ סלאָוואָ" באַווײַזן זיך זײַנע פֿעליעטאָנען-קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דער קולטור-אַרבעט אין כאַרקאָוו; אויף נײַיאָר שרײַבט ער אָן אַ דערציילונג, אַ מין רעוואָלוציאָנערע פֿאַנטאַזיע.

אין 1899 באַזעצט זיך פּאַוועל אין ביאַליסטאָק. ער וויל דאָ אַרבעטן ווי אַ דאָקטאָר און באַטייליקן זיך אין דער אָרטיקער אַרבעטער-באַוועגונג. ס'איז ניט גרינג געווען אין יענע אומלעגאַלע צײַטן צו פֿאַראייניקן אַזוינע צוויי באַשעפֿטיקונגען, און מען האָט געקענט פֿאָרויסזען, אַז לאַנג וועט אַזאַ סימביאָז ניט אָנהאַלטן. דאָך אַרבעט ראָזענטאַל צוויי און אַ האַלב יאָר אין ביאַליסטאָק, דאָס איז בײַ יענע אומשטאַנדן געווען אַ גרויסע זעלטנהייט. די דאָזיקע יאָרן אין ביאַליסטאָק זײַנען געווען אפֿשר די פּרוכפּעריקסטע און אינטערעסאַנטסטע אין זײַן לעבן. ס'איז געווען די צײַט פֿון שטאַרקן באַרג-אַרויף פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, באַזונדערס אין ביאַליסטאָק. נאָך דעם גרויסן בונדישן אַרעסט אין 1898 הייבט די פּאַרטיי אָן קומען צו זיך. עס קומען פֿאָר אָפֿענע אַרויסטרעטונגען דעם ערשטן מאַי, דעמאָנסטראַציעס אויף לוויות פֿון חבֿרים, עס וואַקסט די צאָל בלעטלעך און פּראָקלאַמאַציעס; „די אַרבייטערשטימע" גייט אַרויס רעגלמעסיק און ווערט אַלץ רײַכער אין אינהאַלט; ס'גייען אַרויס אָרטיקע צײַטונגען: „דער ביאַליסטאָקער אַרבעטער", „דער קלאַסנקאַמף" אין ווילנע און אַנד'. דער קאַמף מיט דער „זובאַטאָוושטשינע" פֿאַרפֿעסטיקט און קאָנסאָלידירט די פּאַרטיי, אין די נאָענטסטע פֿאַר

יאָר קומען פֿאָר דער דריטער און פֿערטער צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד“, ס׳ווערט פֿאָרמולירט די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פֿון „בונד“.

אין דעם אַלעמען נעמט פּאַוועל דעם לעבעדיקסטן אָנטייל, צוערשט אין דער ביאַליסטאָקער באַוועגונג און פֿון יאָר 1900 און שפּעטער — שוין אַלס מיטגליד פֿון צענטראַל-קאָמיטעט פֿון „בונד“. ס׳איז ניט געווען קיין איין צווייַג פֿון דער באַוועגונג, וואָס פּאַוועל זאָל אין איר ניט געווען זייַן אַקטיוו. ער איז דער מחבר כמעט פֿון אַלע אויפֿרופֿן און בלעטלעך אין ביאַליסטאָק און פֿון דעם צ״ק; אין דער „אַרבייטערשטימע“ פֿירט ער די אָפּטיילונג „פֿון דער פֿינסטערער וועלט“, וווּ ער באַקענט די אַרבעטער מיטן פּאָליטישן קאַמף, וואָס ברענט זיך אַלץ מער פֿונאַנדער אין רוסלאַנד. זייַן שטרעבונג צו באַהעפֿטן די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג מיט דער רוסישער און אינטערנאַציאָנאַלער געפֿינט איר אויסדרוק אין דער באַזונדערער אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס ער גיט אָפּ דער גרינדונג פֿון דעם „גאַרבער-בונד“ — דער ערשטער פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע פֿון אַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע נאַציעס (ייִדן, רוסן, פּאָלאַקן). ער שרייַבט אָן דעם מאַניפֿעסט פֿון דעם נייַ געגרינדעטן „אַלגעמיינעם פֿעדעראַטיוון גאַרבער-בונד“ (1901). ער איז דער מחבר פֿון „אויפֿרוף צו דער ייִדישער אינטעליגענץ“, וואָס האָט אין זייַן צייַט געפֿונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין רוסיש און פּויליש.

אין דער ביאַליסטאָקער באַוועגונג טראָגט ער אַרייַן אַ סך נייַע אידעען און וועקט אינטערעס צו סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען ביי גרעסערע גרופּעס אַרבעטער אויף די אַזוי גערופֿענע „דיסקוסיעס“. ער גרייט צו די יונגע צו אַקטיווער אַרבעט און שטודירט מיט זיי דעם וויסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליזם. צוליב זייַן לאַגע אַלס דאָקטאָר קען ער ניט אַרויסטרעטן אויף גרויסע אומלעגאַלע פֿאַרזאַמלונגען, נאָר ער שטעלט צונויף די רעדעס, וואָס ווערן געהאַלטן אויף די פֿאַרזאַמלונגען (צווישן דער אַרבעטער-מאַסע איז ער באַקאַנט אונטער זייַן צונאָמען „נתן“ — „דער דאָקטאָר נתן“, ווי זיי רופֿן אים). דער 4טער צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד“ ווערט פֿון אים צוגעגרייט און אָרגאַניזירט אין ביאַליסטאָק. אויך דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכער האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאָנפֿערענץ, קומט פֿאָר אין ביאַליסטאָק. פּאַוועל טראַכט דורך יעדע קלייניקייט אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער קאָנפֿערענץ, און אַדאַנק דעם פֿאַלט זי ניט דורך, הגם אַ גאַנצע מחנה שפּיאָנען זייַנען אָנגעקומען פֿון מאָסקווע קיין ביאַליסטאָק און גענישטערט דאָ.

די דאָזיקע קאָנפֿערענץ האָט טאַקע גורם געווען דעם אַרעסט פֿון פּאַוועלן. דעם 31סטן מערץ 1902 ווערט ער אַרעסטירט און זיצט אָפּ אָנדערהאַלבן יאָר, צוערשט אין גראָדנע, שפּעטער אין מאָסקווע, און ווערט פֿאַרשיקט אין יאַקוטסקער געגנט אויף 6 יאָר. אין טורמע און אין דער פֿאַרשיקונג (אין דאָרף מאַגאַן, לעבן יאַקוטסק) זיצט ער ניט מיט פֿאַרלייגטע הענט. אויף די ראַנדן פֿון אַ מעדיצינישן בוך שרייַבט ער אָן אין תּפֿיסה אַ בראָשור „וועגן שיפֿערן“, אַ גאַנצער וויסנשאַפֿטלעכער טראַקטאַט, וואָס איז שפּעטער זייער צו נוץ געקומען אין דער קאָנספּיראַטיווער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און האָט ניט איין טוער פֿאַרהיט פֿון דורכפֿאַל.

אין יאַקוטסק ווערט ער איינער פֿון די איניציאַטאָרן פֿון דעם באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד, באַקאַנט אונטערן נאָמען „יאַקוטסקער פּראָטעסט“, אָדער „די ראָמאַנאָווקע“. דאָ ווייַזן זיך אַרויס בולט זייַנע כאַראַקטעריסטישע שטריכן: מוט, פֿעסטקייט און אין דער זעלביקער צייַט פֿאָרזיכטיקייט און מיושבֿדיקייט. ניט זייַענדיק קיין טעכניקער, באַמערקט ער שוואַכע פּונקטן אין דער פֿאַרטיידיקונג און ראַטעוועט אַ סך לעבנס מיט זייַנע וויכטיקע אָנווייַזן און עצות. שטענדיק אויפֿריכטיק און קאָנסעקווענט, איז ער גרייט צו דערפֿירן ביזן סוף יעדע זאַך, וואָס ער האַלט זי פֿאַר יושרדיק און צוועקמעסיק, און ער טרעט קאַטעגאָריש אַרויס קעגן איבעררייַסן דעם פּראָטעסט און אונטערגעבן זיך, הגם

ער גיט זיך אָפּ אַ קלאָרן דין-וחשבון וואָס עס דערוואַרט אים און אַלעמען אין פֿאַל פֿון ווײַטערדיקן זיצן אין ראָמאַנאָווקע (17 טעג!).

אין תּפֿיסה אין יאַקוטסק איז זײַן ערשטע זאָרג באַקאַנט צו מאַכן די פּראָלעטאַ־רישע עפֿנטלעכקייט מיט דעם גאַנג פֿון אויפֿשטאַנד, מיט זײַנע סיבות און רעזולטאַטן, די מאַטעריאַלן, וועלכע ער שיקט איבער דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פֿון בונד, גייען אַרויס אין פֿיר בראָשורן אויף יִידיש און רוסיש. מען גרייט זיך צום פּראָצעס וועגן דער „ראָמאַנאָווקע", און פּאַוועל שטודירט די געשיכטע פֿון פּאָליטישע פּראָצעסן און שרײַבט אַן אַ בראָשור מיטן נאָמען „פּאָליטישע פּראָצעסן". זײַן רעדע אויפֿן געריכט אַנטהאַלט זייער אַ רײַכן מאַטעריאַל וועגן דער לאַגע פֿון די פֿאַרשיקטע און קען דינען ווי אַן אויסגעצייכנטער שטאָף פֿאַר די היסטאָריקער פֿון די סיבירער פֿאַרשיקונגען אין יענע יאָרן.

אין אַלעקסאַנדראָווער און אירקוטסקער תּפֿיסה אַרבעט ער פֿיבערהאַפֿט איבער אַ ווערק, וואָס פֿאַרכאַפּט אים פֿולשטענדיק. ער זוכט צו אַנאַליזירן אַלע רעוואָלוציעס, וואָס זײַנען ביז איצט פֿאָרגעקומען אין אייראָפּע, בכדי אויסצוגעפֿינען זייערע אַלגעמיינע געזעצן. זײַנע טעאָרעטישע אינטערעסן זײַנען שטענדיק פֿאַרבונדן מיט פּראַקטישע צילן, און ער שטרעבט דאָ צו געבן אַ „וואַדעמעקום"—אַ האַנטבוך פֿאַר רעוואָלוציאָנערן. די דאָזיקע אַרבעט זײַנע טראָגט דעם נאָמען „דערציילונגען וועגן דעם, ווי עס זײַנען פֿאָר־געקומען רעוואָלוציעס אין מערבֿ-אייראָפּע". נאָך דעם 9טן יאַנואַר 1905 שטעלט ער זיך דאָ באַזונדערס ברייט אָפּ אויף דעם קאַפּיטל „באַריקאַדן", אַ פּראָבלעם וואָס ווערט איצט ביז גאָר אַקטועל. צו דער טעמע רעוואָלוציעס קערט ער זיך אום אַלע יאָרן פֿון זײַן לעבן; מען קען זאָגן, אַז ער זעט אין דעם זײַן לעבנס-אויפֿגאַבע—מיטהעלפֿן דעם נצחון פֿון דער רעוואָלוציע.

שוין אין משך פֿון 1905, ווען ער זיצט נאָך אין אירקוטסקער טורמע, דערשײַנען צוויי טיילן פֿון דער דאָזיקער אַרבעט זײַנער אין פֿאַרלאַג פֿון אויסלענדישן קאָמיטעט פֿון „בונד". דער מאַנוסקריפּט פֿון דריטן טייל פֿאַלט דורך אויף דער פּאָסט. נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1905 אַרבעט ער זיי איבער און גיט זיי אַרויס לעגאַל, אָבער די גאַנצע אויפֿלאַגע ווערט קאָנפֿיסקירט.[1]

דעם 28סטן אָקטאָבער 1905 ווערט פּאַוועל לויט אַ ספּעציעלער אַמנעסטיע פֿאַר די ראָמאַנאָווצעס באַפֿרײַט פֿון די 12 יאָר קאַטאָרגע, צו וועלכע ער איז געווען פֿאַרמשפּט. ער קערט זיך אום קיין ווילנע, אין זײַן היימשטאָט, צו וועלכער ער איז שטענדיק געווען צוגעבונדן. ווילנע איז דעמאָלט געווען דער צענטער פֿון דער בונדישער פּרעסע, און פּאַוועל ווערט מיטרעדאַקטאָר פֿון דער „פֿאָלקסצײַטונג" און מיטאַרבעטער אין אַלע בונדישע אויסגאַבעס. אין די בין-השמשות פֿון דער רעוואָלוציע, ווען ס'הייבן זיך אָן די אַרויסטרעטונגען פֿון טונקעלע עלעמענטן אין די עקספּראָפּריאַציעס, שרײַבט ער אָן צוויי בראָשורן: „די ראָלע פֿון לומפּן-פּראָלעטאַריאַט אין די רעוואָלוציעס" און „די עקספּראָ־פּריאַציעס". אין 1908, ווען די צײַטונג פֿאַרמאַכט זיך, און די רעאַקציע הייבט אָן אַלץ מער און מער צו בושעווען, נעמט ער זיך ווידער פֿאַר דער מעדיצינישער פּראַקטיק,

---

1 אַ באַזונדערס רײַכן מאַטעריאַל פֿאַר דער דאָזיקער טעמע באַקומט ער ערשט נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1917 און נאָך די רעוואָלוציעס אין מערבֿ-אייראָפּע, מיט וועלכע ס'פֿאַרענדיקט זיך די וועלט-מלחמה. ער שרײַבט אָן זײַן אַרבעט כּמעט אויף ס'נײַ; דאָס מאָל זײַנען עס 5 סאָלידע ביכער. נאָר דרײַ פֿון זיי זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן, הײַנו—אין רוסיש: 1) „אַרום דער איבערקערעניש", 2) „דאָס לעבן און טויט פֿון די גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונגען", 3) „דער אויפֿבלי און אונטערגאַנג פֿון די רעוואָלוציעס". צוויי ביכער פֿון דעם ציקל: „אויף מאָרגן נאָך דער איבערקערעניש" אין יִידיש און „רעוואָלוציעס, וועלכע פֿירן מלחמות" אין רוסיש זײַנען אָפּגעקויפֿט געוואָרן פֿון דער „יִידסעקציע" פֿון „גאָסאיזדאַט" און פֿון דעם רוסישן „גאָסאיזדאַט" אין קיעוו אין 1921, און האָבן איבער אומבאַקאַנטע סיבות ניט דערשײַנט.

וועלכע ער האָט אָן ביז דער וועלט-מלחמה. פֿאַר דער צײַט שרײַבט ער אַרטיקלען וועגן עקאָנאָמישע און קאָלאָניאַלע פֿראַגן אין די בונדישע זאַמלביכער, פֿאַרנעמט זיך מיט קולטור-אַרבעט, העלפֿט שאַפֿן די ביבליאָטעק פֿון „מפיצי השכלה" אין ווילנע, זאָרגט וועגן דער אָוונטשול פֿאַר דערוואַקסענע און אַז"וו.

אין יולי 1914 ווערט ער מאָביליזירט אַלס דאָקטאָר צו דער מלחמה און וואַנדערט אַרום אין משך פֿון דרײַ יאָר איבער אַלע פֿראָנטן, שטענדיק אין דער דירעקטער נאָענט-קײַט פֿון די שלאַכטפֿעלדער. סוף 1917, שוין נאָך דער אָקטאָבער-איבערקערעניש, ווערט ער דעמאָביליזירט און נעמט זיך ווידער פֿאַר זײַן אַזוי פֿיל יאָרן איבערגעריסענער אַרבעט אין „בונד", פֿריער אין פּעטערבורג און שפּעטער אין מאָסקווע. ער ווערט אויס-געקליבן אין צענטראַלן קאָמיטעט; ער געהער דעמאָלט צום לאַגער פֿון די אינטערנאַ-ציאָנאַליסטן. די מלחמה האָט ער פֿײַנט מיט אַלע פֿיבערן פֿון זײַן נשמה, ער האָט זי געזען און דורכגעמאַכט אין איר גאַנצער נאַקעטער שרעקלעכקייט; ער האָט אויך איבער-געלעבט די יידישע פּאָגראָמען אויף די פֿראָנטן, די גירושים און שפּיאָנאַזש-מאַניע. פּערזענלעך האָט ער אין דער מלחמה-צײַט געוויסנהאַפֿט אויסגעפֿירט זײַן מיסיע ווי אַ דאָקטאָר. אין די געפֿערלעכסטע מאָמענטן, ווען אַרום האָבן געפֿײַפֿט די קוילן, האָט ער זיך געטאָן זײַן אַרבעט צו העלפֿן די פֿאַרוווּנדעטע, ניט פֿאַרלירנדיק דערבײַ אויף איין מינוט דעם מוט און די גלײַכוואָג. ער באַקומט די גרעסטע אויסצייכענונגען און אָרדנס, וואָס אַ מיליטער-דאָקטאָר קען האָבן. אין יאָר 1920 ווערט ער אין קיעוו ווידער מאָביליזירט, איצטער שוין אין דער רויטער אַרמיי.

אין די יאָרן 1919—1921 לעבט ער אין קיעוו און פֿאַרנעמט זיך צוערשט מיט זאַמלען מאַטעריאַל אַלס פֿאַרוואַלטער פֿון דער אינפֿאָרמאַציע-אָפּטיילונג אין הילף-קאָמי-טעט פֿון רויטן קרייץ פֿאַר די קרבנות פֿון פּאָגראָמען. ער טראָגט זיך כּסדר אַרום מיטן געדאַנק, ווי צו מאַכן באַקאַנט אויך די ניט-יידישע געזעלשאַפֿטלעכקייט מיט די אַכזריותן פֿון די פּאָגראָמען, וואָס האָבן זיך ווי אַ מגפֿה פֿאַרשפּרייט איבער גאַנץ אוקראַינע. ער שטעלט זיך אָפּ אויפֿן באַקאַנטן רוסישן שרײַבער גוסעוו-אָרענבורגסקי און אינספּירירט אים אָנצושרײַבן אין אַ קינסטלערישער פֿאָרם די געשיכטע פֿון די פּאָגראָמען, וועלכע זאָל אויפֿטרייסלען די וועלט. ער אַרבעט מיט אים דורך דעם גאַנצן מאַטעריאַל, און דאָס בוך גייט אַרויס ערשט אין אַ פּאָר יאָר אַרום, שוין אין כאַרבין, אונטער דעם טיטל: „באַגראָוואַיאַ קניגאַ"[2]; די באַאַרבעטונג פֿון גוסעוו-אָרענבורגסקין אַנטוישט אים אָבער שטאַרק.

אין קיעוו 1920 נעמט ער זיך אויך פֿאַר אַ נײַער אַרבעט—אָנצושרײַבן די גע-שיכטע פֿון די קאַמפֿן פֿאַר קאָלאָניעס און וועלטוועגן (פֿון אימפּעריאַליזם). ער אַרבעט אין די שוידערלעכסטע באַדינגונגען. נאָך אַ טאָג אָנגעשטרענגטער האַרעוואַניע אין הילף-קאָמיטעט זיצט ער אין דער היים ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַ האַלב הונגעריקער, בײַ אַ קנייטל אַרײַנגעשטעקט אין אייל, אַן אײַנגעוויקלטער אין וואַרעמען מאַנטל, און שרײַבט פֿיבערהאַפֿט זײַן ווערק. ער איז גלײַכגילטיק צו אַלע מאַטעריעלע נויטן. שטענ-דיק אין אַ מוטיקער, מונטערער שטימונג, זינגט ער צו, אַ ביסל פֿאַלש, זײַנע באַליבטע רעוואָלוציאָנערע און סיבירער לידלעך, און אויף די קיעווער גאַסן פֿליען קוילן און עס הערן זיך אָן אַ סוף אויפֿרײַסן פֿון באָמבעס. אים איז לחלוטין פֿרעמד דאָס געפֿיל פֿון שרעק און פֿאַרלאָרנקייט, ער מונטערט אויף אַלע אַרומיקע. ער שטייט אויף דער וואַך בײַם אַרײַנגאַנג אין הויז און דערלאָזט ניט, אַז די באַנדעס פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס גייען פֿון הויז צו הויז, זאָלן זיך אַרײַנרײַסן, און אַזוי אַרום פֿאַרהיט ער דאָס הויז פֿון די באַנדעס, וועלכע האָבן זיך ניט איין מאָל געריסן אין די טירן.

---

2 С. Гусев-Оренбургский, Багровая книга. Харбин 192?.

אַלס מיליטער-דאָקטאָר פֿאַרלאָזט ער קיעוו צוזאַמען מיט זײַן אַרמיי און דערגייט ביז ראָוונע. נאָכן דורכפֿאַל פֿון דער רויטער אַרמיי אין פּוילן קערט ער זיך אום קיין קיעוו, פֿון דאָרטן גייט זײַן אָפּטייל איבער קיין נעזשין, ווו ער פֿאַרברענגט דעם ווינטער 1920—1921. זומער 1921, נאָכן שלום מיט פּוילן, ווערט ער דעמאָביליזירט און באַקומט די מעגלעכקייט זיך אומצוקערן אַהיים, קיין ווילנע.

פֿאַר דער צײַט פֿאַרענדיקט ער דעם ערשטן באַנד פֿון זײַן „קאַמף פֿאַר קאָלאָניעס", שרײַבט אָן צוויי בראָשורן: „דער בונד אין דער באַלײַכטונג פֿון דער אָכראַנקע" און „די אָכראַנקע וועגן די טוער פֿון בונד"; ביידע בראָשורן זײַנען אָפּגעקויפֿט געוואָרן פֿון דער קיעווער—שוין דעמאָלט קאָמוניזירטער—„קולטור-ליגע", זײַנ.ן אָבער ביז איצטער ניט אָפּגעדרוקט.

אַ גרויסע קאָלעקציע מאַטעריאַלן, ניט פֿאַרענדיקטע ווערק און אויך שוין אַ פֿאַרענדיקטער באַנד פֿון זײַן „געשיכטע פֿון די רעוואָלוציעס" קומען אום בײַם איבערפֿאָרן קיין פּוילן. דאָס פֿאַרשאַפֿט פּאַוולען אַן אומגעהײַערן עגמת-נפֿש, און אַ לאַנגע צײַט קען ער זיך ניט באַרויִקן; ס'איז געגאַנגען לאיבוד אַרבעט פֿון חדשים און חדשים, ס'זײַנען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן מאַטעריאַלן, וועלכע מען קען ניט צוריקשטעלן. די דאָזיקע אַבֿידה איז אפֿשר געווען איינע פֿון די סיבות, וואָס האָבן מיטגעווירקט צו זײַן פֿריצײַטיקן טויט...

אין ווילנע פֿילט ער זיך ווי אַ פֿיש אין וואַסער. ער נעמט זיך צוריק צו זײַן מעדיצינישער פּראַקטיק אַלס באַקטעריאָלאָג, טרעט אַרײַן אין סאָצ'-דעמאָקראַטישן „בונד", רעדאַגירט און שרײַבט אַ סך אַרטיקלען פֿאַר דער צײַטונג און אַנדערע אויסגאַבעס פֿון „בונד"; ער גרייט אויך צו דעם צווייטן באַנד פֿון „קאַמף פֿאַר קאָלאָניעס" און שרײַבט אָן זײַנע זכרונות וועגן דעם יאַקוטסקער אויפֿשטאַנד, וועלכע ווערן אָפּגעדרוקט אין מאָסקווע אונטער דעם טיטל „ראָמאַנאָווקאַ" אין רוסיש. די לעצטע חדשים פֿאַר זײַן טויט אַרבעט ער איבער דעם ערשטן באַנד „קאַמף פֿאַר קאָלאָניעס" פֿאַר דער ייִדישער אויסגאַבע, וואָס גרייט זיך אין קלעצקינס פֿאַרלאַג. אָבער זי דערשײַנט שוין נאָך זײַן טויט.

נאָך זײַן קומען קיין ווילנע הייבט ער אָן צו שרײַבן אַליין ייִדיש. דאָס קומט אים אָן אַ ביסל שווערלעך; ער באַראָט זיך כּסדר מיט די חבֿרים יאַשונסקי און ליטוואַק און באַקלאָגט זיך אָפֿט אויף דער אָרעמקייט פֿון זײַן ייִדישער שפּראַך, דאָך מאַכט ער גרויסע פֿאָרשריטן, און זײַנע לעצטע ייִדישע אַרטיקלען ווײַזן אַרויס אַ פֿײַנעם סטיל.

צום 10יאָריקן יובֿל פֿון דעם אויסבראָך פֿון דער וועלט-מלחמה קלײַבט ער זיך אָנצושרײַבן אַ גרעסערע אַרבעט, ער מאַכט פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע פּלענער, וואָס וואָלטן געקלעקט אויף צוויי מענטשלעכע לעבנס. דערבײַ נעמט ער אויך אָנטייל אין דער פּאַרטייִשער און געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט אין ווילנע. אָבער זײַן הויפּט-אינטערעס בלײַבט דאָך די אינטערנאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿטס-פּראָגן און פּאָליטיק. נאָך אויף זײַן טויטן בעט הערט ער זיך צו מיט שפּאַנונג צו די ידיעות וועגן דעם גאַנג פֿון די וואַלן אין ענגלאַנד, וואָס האָבן געבראַכט צו דער מאַכט די ערשטע אַרבעטער-רעגירונג.

דעם 29סטן פֿעברואַר 1924 הויכט ער אויס נאָך אַ זעקס-וואָכיקער קראַנקייט זײַן נשמה.*

**א.**

---

* וויכטיקע זכרונות וועגן פּאַוועל ראָזענטאַל זײַנען אָפּגעדרוקט פֿון ג. לוריע אין „Каторга и Ссылка" ב' 15 (1925), ז' 235—244, באַזונדערס וועגן זײַן ראָלע בעת דעם אויפֿשטאַנד אין יאַקוטסק. זײַן ביאָגראַפֿיע, אָנגעשריבן פֿון אַנאַ ראָזענטאַל, איז אָפּגעדרוקט אין דעם אַרײַנפֿיר צו זײַן בוך „דער קאַמף פֿאַר וועלט-הערשאַפֿט", וואָס איז אַרויס אין ווילנע 1924 שוין נאָך זײַן טויט.

# הוספה:

## צו דער ביבליאָגראַפיע פון פ. ראָזענטאַלס ווערק

1 Bericht des Belostoker S.-D. Comites des Allg. Jüd. Arbeiter-Bundes in Russland und Polen dem Intern. Kongress der Arb. und Arbeiterinnen der Textil-Industrie in Berlin. (פון רוס׳; זע אויך „אידישער ארבייטער״ נר׳ 10, ז׳ 59). בערלין 1900, 8 זײַטן.

2 Воззвание к еврейской интелигенции

1טע אויפלאַגע, אַפּריל 1901, געדר׳ אין רוסלאַנד (אין דער ווארש׳ דרוקערײַ פון „בונד״ און „פעטערב׳ סאָיוז באָרבי״, וואָס דער „בונד״ האָט אײַנגעאָרדנט אויף גזשיבאָווסקע נר׳ 11).

2טע אויפל׳—זשענעווע, אָקטאָבער 1901. 12 ז׳; 3טע אויפל׳—לאָנדאָן 1903. 32 ז׳.

דאָס אייגענע—אין פויליש (איין אויפל׳).

3 דער IV צוזאַמענפאָר פון אַלג׳ אידישען ארבייטער בונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד [פ. ראָזענטאַל און י. פּאָרטנאָי—נח]; 1טע אויפלאַגע 1901, 2טע אויפלאַגע.

דאָס אייגענע אין רוסיש: 1טע אויפלאַגע 1901 (געדר׳ אין דער ווארשעווער דרוקערײַ); 2טע אויפל׳ 1902.

דאָס אייגענע אין פויליש (איין אויפלאַגע). 16 ז׳.

4 אויטאָנאָמיע אָדער פעדעראַציע (וועגן דעם ארטיקל קעגן „בונד״ אין „איסקרא״ נר׳ 36). לאָנדאָן, יוני 1903. 27 ז׳. דאָס זעלביקע רוסיש—לאָנדאָן, יולי 1903. 27 ז׳.

5 דער מאַניפעסט פון אַלגעמיינעם כאָצ.-דעמ. פעדעראַטיווען גארבערבונד; 1902, אין יידיש, רוסיש און פויליש (די ערשטע צוויי געדר׳ אין רוסלאַנד, די פוילישע—אין לאָנדאָן). 12 ז׳.

6 А. Бундовец, Шифрованное письмо; זשענעווע 1904. 112 זײַטן.

7 א. בונדאָווער, פּאָליטישע פּראָצעסן; זשענעווע 1904, IX+63 זײַטן.

8 ווי האָבען מיר זיך פאַרבאַריקאַדירט (די יאַקוטסקער דראַמע); זשענעווע 1904, 15 ז׳.

9 די יאַקוטסקער דראַמע; זשענעווע 1904, 31 זײַטן.

10 Якутская история. Материалы. 1904 זשענעווע

1טער טייל: 32 ז׳; 2טער טייל: 48 ז׳; 3טער טייל: 24 ז׳.

11 Якутский процесс. 1904 זשענעווע

1טער טייל: 24 ז׳; 2טער טייל: 40 ז׳; 3טער טייל: 48 ז׳.

12 פ. אַנמאַן, ערצעהלונג וועגען דעם ווי עס זײַנען פאָרגעקומען רעוואָלוציעס אין מערב-אייראָפּע.

1טער טייל, זשענעווע 1905, 2+87 זײַטן—אין יידיש.

1טער טייל, זשענעווע 1905, 88 זײַטן—אין רוסיש.

13 פ. אַנמאַן, ווי זײַנען פאָרגעקומען רעוואָלוציעס אין מערב-אייראָפּע, פון דעם אויפשטאַנד ביז דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג [המשך פון דער פריערדיקער בראָשור].

2טער טייל, זשענעווע 1905, 2+114 ז׳—אין יידיש.

2טער טייל, זשענעווע 1905, 2+109 ז׳—אין רוסיש.

14 П. Роль, От переворота до Учредительного Собрания
פֿאַרל׳ „Донская Речь“ 1906, 256 זײַטן (איבערגעאַרבעטע אויסגאַבע פֿון דער פֿריערדיקער בראָשור; קאָנפֿיסקירט).

15 פּ. ראָל, די ראָלע פֿון לומפּען־פּראָלעטאַריאַט; פֿאַרל׳ „די וועלט“ וואַרשע [1906], 16 זײַטן; אַ צווייטע אויסגאַבע—ווילנע [1906], 16 זײַטן.

16 П. Роль. Роль люмпенпролетариата в революциях
פֿאַרל׳ „Трибуна“ פּעטערבורג 1906, 16 זײַטן.

17 פּ. ראָל, די עקספּראָפּריאַציעס; פֿאַרל׳ „די וועלט“, ווילנע 1906, 24 זײַטן.

18 П. Розенталь (П. Ро-ль), Пути революций
פֿאַרל׳ „Книга“ פּעטראָגראַד—מאָסקווע—קיעוו.

т. I : Вокруг переворота; 1טע אויסג׳ 1917, 123 זײַטן. 2טע אויסג׳ 1918

„ III*: Жизнь и смерть Учредительных собраний; 1918, 109 זײַטן

„ IV: Зенит и закат; 1919, 224 זײַטן.

19 П. Розенталь, Борьба за колонии и мировые пути, ч. I;
פֿאַרל׳ „Книга“ 1923, 248 זײַטן.

20 П. Розенталь, Романовка;

פֿאַרל׳ „Книга“ מאָסקווע—לענינגראַד, 1924, 145 זײַטן.

21 פּ. ראָזענטאַל, דער קאַמף פֿאַר וועלט־הערשאַפֿט און וועלט־וועגן; ווילנע, פֿאַרל׳ ב. קלעצקין, 1924, XVII+288 זײַטן.

אויסער די דאָזיקע בראָשורן און ביכער, וואָס זײַנען אַרויס ווי באַזונדערע אויסגאַבעס, האָט פּ. ראָזענטאַל אויך אָנגעשריבן אַן אומגעהײַערע צאָל אַרטיקלען. מיר האָבן אָנגעציילט 180 אַזעלכע אַרטיקלען וועגן פּאַרטיי־פֿראַגן, טאָג־פֿראַגן און אויף פּאָליטיש־עקאָנאָמישע און היסטאָרישע טעמעס נאָכן יאָר 1905 אין דער לעגאַלער בונדישער אַרבעטער־פּרעסע. חוץ דעם האָט ער אַ סך געשריבן אין די אומלעגאַלע בונדישע אויסגאַבעס ביזן יאָר 1905: אין „ביאַליסטאָקער אַרבייטער“ 1899 — 1902, אין „אַרבייטערשטימע“ 1900—1902, קאָרעספּאָנדענציעס פֿון רוסלאַנד אין „Последния Известия“ 1901.

דאָס רובֿ אַרטיקלען אין דער לעגאַלער בונדישער פּרעסע זײַנען געדרוקט: אין „וועקער“, „פֿאָלקסצײַטונג“, „די האָפֿענונג“ אין די יאָרן 1905—1907 אין ווילנע; שפּעטער, אין די יאָרן 1922—1923,—אין „אונזער צײַט“ און „אונזער געדאַנק“ אין ווילנע; אויך אין „שטימע פֿון בונד“ 1909, „צײַט־פֿראַגן“ (ווילנע) 1922, און „Наше Слово“ (ווילנע) 1906 א״אַנד.

באַזונדערס דאַרפֿן אָנגעוויזן ווערן זײַנע גרעסערע אַרטיקלען אין זשורנאַלן און זאַמלביכער, הײַנו:

דער ביאַליסטאָקער פּעריאָד אין לעבן פֿון צ. ק. פֿון „בונד“—„רויטער פּנקס“ ב׳ 1 (וואַרשע 1921); די פֿאַראייניקונגס־פֿראַגע אויף דער 7טער קאָנפֿערענץ פֿון „בונד“—„רויטער פּנקס“ ב׳ 2 (1924); דער ערשטער אָנהייב (די ערשטע אָונטשול אין ווילנע) — אין „רויטן פּנקס“ ב׳ 2; די ערשטע בונדישע לעגאַלע צײַטונגען — ז״ב „25 יאָר“ (וואַרשע 1922); צום

---

* דער 2טער באַנד: Пути революций איז נים דערשינען.

יובילעאום 25 יאָר „בונד“ אין „אונזער גערדאַנק“ (ווילנע) 1922, נר׳ 12; מערעם אין ווילנע — אין „אונזער גערדאַנק“ 1923, נר׳ 3; די איצטיקע אינדוסטריעלע קאָניונקטור — ז״ב „די נײַע צײַט“ (ווילנע) 1909, נר׳ 7; מאַרקס און די ייִדן-פֿראַגע — ז״ב „צום אָנדענק פֿון קאַרל מאַרקס“ מאָסקווע 1918; אַ רײ אַרטיקלען אין אַרבעטער-לוח (וואַרשע) 1922, און 1923 און 1924 און אין „Голос рабочей кооперации“ (מאָסקווע) 1918, נר׳ 24, 1919 נר׳ 1—2, 3—4 און 5—6.

זײַנע אַרטיקלען זײַנען געחתמעט זעלטן מיטן פֿולן נאָמען, דאָס רובֿ מיט פֿאַרשיידענע פּסעוודאָנימען: פּ. אַנמאַן, פּ. א., ר., א., פּ., פּ. דאָרן П. Роль א״אַ.

זײַן לעצטער אַרטיקל, געחתמעט פּ. א. איז: „דער גורל פֿון די רעוואָלוציאָנערע פֿירער (צו לענינס טויט)“ אין „אונזער גערדאַנק“, ווילנע 1924, נר׳ 5 (61).*

צונויפֿגעשטעלט פֿון

ל. יעווזעראָוו (ווילנע)

---

* עס דאַרף נאָך אָנגעוויזן ווערן זײַנער אַן אויספֿירלעכער איבערבליק וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע אין 1919—1920, וואָס ער האָט צונויפֿגעשטעלט אויפֿן סמך פֿון די מאַטעריאַלן פֿון הילפֿס-קאָמיטעט בײַם „רויטן קרייץ“ אין קיעוו; דער דאָזיקער באַריכט איז שפּעטער איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ רײ אויסלענדישע אויסגאַבעס, ווי למשל: „דער ייִדישער חורבן אין אוקראַינע“ (דאָק׳, באַאַרבעט פֿון ל. כ אַ ז אַ נ אָ ־ וויטש, בערלין 1920, ז׳ 85—99); אין אַ באַאַרבעטער פֿאָרם בײַ א. ח פֿ ץ, פּאָגראָם-געשיכטע, ב׳ 1 (ניו-יאָרק, אויסג׳ פֿון „אַרבעטער-רינג“, ז׳ 271—285) און אין איניקע אַנדערע אויסל׳ אויסגאַבעס. דער דאָזיקער איבערבליק איז אויך אַרויס — אין אַ שטאַרק באַאַרבעטער פֿאָרם, אין בוך פֿון — С. Гусев Оренбургский „Багровая Книга“, כאַרבין 1922 (זע פּראָלאָג, ז׳ 3—21). דער מחבר, וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס דאָזיקע בוך וועגן די אוקראַינער פּאָגראָמען לויט דער איניציאַטיוו פֿון פּ. ראָזענטאַלן (זע אויבן, די ביאָגראַפֿיע) און אויפֿן סמך פֿון די מאַטעריאַלן אין הילפֿס-קאָמיטעט, וואָס זײַנען געזאַמלט געוואָרן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון ראָזענטאַלן, האָט אַפֿילו ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק אָנצוווײַזן דעם מקור און דערמאָנען זײַן נאָמען (פֿגל׳ אַרט׳ פֿון פּ. א. [פּ ראָזענטאַל] „געשיכטע פֿון אַ בוך“ אין „אונזער צײַט“, ווילנע 1922, נר׳ 20).

דער דערמאָנטער איבערבליק וועגן די אוקראַיִנער פּאָגראָמען איז אויך אַרײַן אַלס בײַלאַגע צום מעמאָראַנדום, וואָס דער „קאָמיטעט פֿון די ייִדישע דעלעגאַציעס“ אין פּאַריז האָט דערלאַנגט אין דעצעמבער 1920 דעם פֿ ע ל ק ע ר ־ ב ו נ ד אין זשענעווע, וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע (זע: Bulletin du Comité des Délégations Juives נר׳ 18, פֿון 6 יאַנואַר 1920, וווּ ער איז אין גאַנצן איבערגעדרוקט). —

ר ע ד אַ ק צ י ע

# אַ קאַפּיטל געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רומעניע

פֿון ד"ר יוסף קיסמאַן (טשערנאָוויץ)

די אַלטע, פֿאַר-מלחמהדיקע רומעניע, אַ קליין מלוכהלע מיט אַ שיטערער פֿויערישער באַפֿעלקערונג,[1] האָט אָנגעהויבן איר זעלבשטענדיקע געשיכטע אין דער צווייטער העלפֿט פֿונעם 19טן יאָרהונדערט. ביז דעמאָלט האָבן איבערן לעבן און טויט פֿון רומענישן פֿאָלק געוועלטיקט מעכטיקע טערקישע סולטאַנען, גריכישע פֿירשטן („פֿאַנאַריאָטן") האָבן אין נאָמען פֿון דער „הויכער פֿאָרטע" געזויגן זײַן בלוט און מאַרך, און אין דער זעלביקער צײַט האָבן רומענישע פּריצים („באָיאַרן") געפּײַניקט די פּויערשע מאַסן און געריסן זיך אַרום אַ חלק פֿון דער מאַכט, אונטער דער אייבערהערשאַפֿט פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

אַראָפּגעוואָרפֿן דעם טערקישן יאָך, פּראָקלאַמירט זיך פֿאַר אַ קיניגרײַך, איז רומעניע ערשט אין יאָר 1878 (בערלינער קאָנגרעס) אָנערקענט געוואָרן דורך די אייראָפּעיִשע גרויסע מלוכות ווי אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה, און זי האָט גענומען פֿורעמען זעלבשטענ-דיק איר געשיכטע אין דער גאַנץ ספּעציעלער פּאָזיציע, אין וועלכער זי געפֿינט זיך: אַ לאַטײַנישע נאַציע בײַ די ברעגעס פֿון סלאַווישן ים (רוסלאַנד, בולגאַריע, סערביע), אַ בריק צווישן יאָרהונדערטער געשיכטע, וואָס האָבן אָפּגעטיילט צענטראַל-אייראָפּע פֿון די אין מיטלעלטערלעכן חושך אײַנגעזונקענע באַלקאַנען.

באַלד איז די יונגע רומעניע געוואָרן דער באָדן, אויף וועלכן עס האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן די ווידעראַנאַנדן פֿון יאָרהונדערטער: איבערן פֿאַרשקלאַפֿטן דאָרף, וואָס האָט געלעבט אין די באַדינגונגען פֿון טערקישן פֿעאָדאַליזם, איבער דער פֿינצטערער אַנאַלפֿאַבעטישער מאַסע, וואָס האָט פֿון דור-דורות געדינט דעם אייניציקן גאָט אירן, דעם „באָיאַר", האָט זיך אָנגעהויבן טראָגן דער שטורעמווינט פֿון רעוואָלוציאָנערער אויפֿלעבונג אין רוסלאַנד, פֿון דער אויפֿגעוואַכטער אַרבעטער-באַוועגונג אין צענטראַל-אייראָפּע; אין דער אייגענער צײַט האָט גענומען בלאָזן אַ שוואַך ווינטל פֿון קולטורעלע און פֿרײַהייט-שטרעבונגען, וואָס איז געקומען איבער ימים און לענדער פֿון דער גרויסער און ווײַטער „לאַטײַנישער שוועסטער", פֿון פֿראַנקרײַך. אין ליימענע כאַטקעס, צוזאַמענ-געשטופּטע הויפֿנווײַז פּאַזע די וועגן, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעשניטן אין דער פֿעטער, שוואַרצער ערד פֿון באָיאַרישע לאַטיפֿונדיעס, האָט געלעבט און זיך געפֿרוכפּערט דאָס פֿאַרשקלאַפֿטע פּויערים-פֿאָלק — דאָס איז געווען טערקײַ. אין מיטן דעם קילאָמעטער-ווײַטן פֿלאַך פֿון ווייץ און קאָרן האָט זיך אויפֿגעהויבן דער שטאָלצער פּריצישער פּאַלאַץ, סאָציאַל — דער זיצאָרט פֿון מיטלעלטערלעכן פֿעאָדאַל, דעם האַר, קולטורעל — אַן

---

[1] עס מוז דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין אונדזער אָפּהאַנדלונג ווערט באַטראַכט נאָר די פֿאַר-מלחמהדיקע רומעניע, וועלכע פֿאַרנעמט הײַנט אַלס פּראָווינץ „אַלט-רומעניע" בערך אַ דריט-חלק פֿון דער גרויס-רומענישער מלוכה, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן נאָך דער מלחמה. אין די נײַ-רומענישע פּראָווינצן (טראַנסילוואַניע, בוקאָווינע און בעסאַראַביע) האָט די אַרבעטער-באַוועגונג איבערגעלעבט אַ גאַנץ באַזונדער געשיכטע—יעדערע ווי אַ טייל פֿון די פֿריערדיקע מלוכות: אונגערן, עסטרײַך, רוסלאַנד.

אייראָפּעיִשער אינדזל אין טערקישן ים. דאָרט, אויפֿן פּריצישן הויף, איז היימיש געווען די פֿראַנצויזישע שפּראַך, די פֿראַנצויזישע ליטעראַטור, פֿראַנצויזישע מנהגים, אָפּטמאָל אויך פֿראַנצויזישע פֿרײַהייט־אידעאַלן, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן פֿון פּאַריזער אוניווערסיטעט דורך דעם פּריצס זין. אין פּריצישן סאַלאָן איז ניט ווייניק גערעדט און געחלומט געוואָרן פֿון פֿרײַהייט און רעוואָלוציע, ביז — דער אַלטער האַר איז געשטאָרבן, און די ממשלה איבער דער מאָסע האָט איבערגענומען ביד חזקה דער יונגער האַר, וואָס בײַ זײַנע קינדער האָט זיך איבערגעחזרט די געשיכטע אויפֿס נײַ.

אין אָט דעם לאַנד האָט געלעבט אַ ייִדישער מאַסן־ישוב. אין יאָר 1894 האָט זיך גערעכנט אין רומעניע אַ ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון אַריבער 243 טויזנט רומענישע ייִדן און בערך 50 טויזנט אויסלענדישע ייִדן. די לעצטע זײַנען פֿאַקטיש געזעסן אין לאַנד שוין פֿון דורות, זיי האָבן אָבער אָפּגעהיט זייער אויסלענדיש בירגעררעכט (דאָס רובֿ עסטרײַכער), כּדי נישט אַרונטערצופֿאַלן אין דער רעכטלאָזער לאַגע פֿון די רומענישע ייִדן. בײַ אַן אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג אין יענער צײַט פֿון קנאַפּע 5 מיט אַ האַלב מיליאָן נפֿשות האָט די ייִדישע באַפֿעלקערונג באַטראָפֿן בכן אַריבער 5 פּראָצענט. די ייִדן אין רומעניע האָבן זיך אָבער קאָנצענטרירט דאָס רובֿ אין דער געגנט פֿון מ אָ ל ד אַ ו ו ע. דאָס איז יענע העלפֿט פֿונעם לאַנד, וואָס גרענעצט זיך אויף איין זײַט מיטן אַלטן רוסלאַנד (בעסאַראַבער גובערניע), אויף דער צווייטער זײַט מיטן אַלטן עסטרײַך (בוקאָווינע). אין דרום־ און מזרח־רומעניע איז די צאָל ייִדן אַ קליינע. פֿאַראַן דאָרט אויך ספֿרדישע קהילות. אין ג אַ נ ץ רומעניע האָט באַטראָפֿן די ייִדישע באַפֿעלקערונג 20 פּראָצענט פֿון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפֿעלקערונג. אין די שטעט און שטעטלעך פֿון מאָלדאַווער געגנט אַליין בילדן די ייִדישע קיבוצים נאָך אַ סך אַ העכערן פּראָצענט, אָפּטמאָל אַפֿילו די מערהייט פֿון דער באַפֿעלקערונג.

די עקאָנאָמישע און קולטורעלע פֿיזיאָנאָמיע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין אַלט־רומעניע איז אין אַלגעמיין די אייגענע, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער פֿון מזרח־אייראָפּע. די אייגנאַרטיקע אַנטוויקלונגס־תּנאָים פֿונעם לאַנד באַשטימען אָבער פֿאַר די רומענישע ייִדן אַ באַזונדערן גורל. אין פּאָליטישן זינען זײַנען די ייִדן אין רומעניע געווען פֿולקום רעכטלאָז: דער צושטאַנד, אין וועלכן זיי האָבן געלעבט, איז געווען געזעצלעך נאָרמירט ווי אַ הפֿקר־צושטאַנד, אין קיין שום אַנדער לאַנד אויף דער וועלט אין יענע צײַטן איז אַזוינס ניט געווען. דער ג ע ז ע צ ל ע כ ע ר אויסדרוק פֿאַר ייִדן איז „פֿרעמדע". דאָס געזעץ טיילט פֿונאַנדער די פֿרעמדע אײַנוווינער אויף צוויי קאַטעגאָריעס: 1) א ו י ס ל ע נ ד ע ר, וועלכע לעבן אין רומעניע אויף פֿרעמדע פּעסער אונטערן שוץ פֿון אויסלענדישע קאָנסולאַטן און געזאַנדשאַפֿטן און האָבן נישט קיין רעכט און נישט קיין התחייבֿותן אַלס בירגער; 2) „פֿ ר ע מ ד ע" אָ ן א ו י ס ל ע נ ד י ש ע פּ ע ס ע ר, וואָס מוזן אָפּהיטן אַלע בירגערפֿליכטן (אויך מיליטערישן דינסט), נישט האָבנדיק דערבײַ דאָס מינדסטע רעכט אַלס בירגער. די ערשטע הייסן „פֿרעמדע אונטער אויסלענדישן שוץ", די צווייטע (די ייִדן) — „ש ו צ ל אָ ז ע פֿ ר ע מ ד ע" (רומעניש: străini fără protecția).

די ווירקונג פֿון דעם דאָזיקן רעכטלאָזן צושטאַנד איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען נישט בלויז אַ פּאָליטישע: ייִדן האָבן נישט קיין פּאָליטישע רעכט, אָבער זיי ווערן אויך נישט אַרײַנגעלאָזט אין שול, קענען זיך נישט דערשלאָגן צו מלוכהשע שטעלעס, קענען נישט אַרבעטן בײַ מלוכהשע אונטערנעמונגען, טאָרן נישט קויפֿן קיין ערד, טאָרן נישט וווינען אין דאָרף. אַפֿילו אין די שטעט האָבן זיי געזעצלעך אויך נישט קיין וווינרעכט, מען מעג זיי טרײַבן פֿון איין אָרט אין צווייטן און אַפֿילו אין גאַנצן אַרויסטרײַבן פֿון לאַנד. „עקספּולזאַרעס"[2] (אַרויסשיקונגען) פֿון ייִדן פֿון רומעניע (ספּעציעל פֿון סאָציאַליסטן) פֿאַרנעמען אַ באַזונדער בלעטל אין דער געשיכטע פֿון ייִדישע צרות און פּײַן.

---

2 רומעניש — Expulzare.



מאַקס וועקסלער

(צום אָרט׳ פֿון ד״ר י. קיסמאַן וועגן רומעניע)



לעאָן געלער

(סאָצ׳ טוער אין רומעניע)



ד״ר ל. געלערטער

(צום אַרט׳ פֿון ד״ר י. קיסמאַן וועגן רומעניע)



דאָבראָדזשעאַנו גערעאַ

(קאָנסטאַנטין קאַץ; 1855—1920)

(פּיאָניער פֿון דער סאָצ׳ באַוועגונג אין רומעניע)

אָבער ווי טרויעריק עס איז נישט געווען די לאַגע פון די ייִדן אין דער אַלטער רומעניע, ווי שטאַרק עס האָט נישט געווירקט דער הפקר-צושטאַנד, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען, אויפן עקאָנאָמישן לעבן, האָבן זיך דאָך אַנטוויקלט צווישן זיי קליין-האַנדל און מלאָכה כמעט אומגעשטערט מצד אַ ניט-ייִדישער קאָנקורענץ. די רומענישע פויערים-באַפעלקערונג האָט נאָך נישט אַרויסגעבראַכט פון זיך קיין שטאָטישן מיטל-שטאַנד און קליין-בירגערטום. אַ לאַנד פון נאַטוראַלער ווירטשאַפט, האָבן דאָ די שטאָטישע ייִדישע פראָפעסיעס געהאַט אַ פעסטן יסוד. די „לופטמענטשן" פון ליטע און פוילן זײַנען אין דער אַלטער רומעניע נישט קיין מאַסן-דערשײַנונג. ווי שלעכט עס זאָל נישט גיין, אויף אַ „מאַמאַליגע" — אַ רומענישן נאַציאָנאַלן מאכל פון קוקורוזע-מעל — קלעקן אויך די קלענסטע פאַרדינסטן אין דעם לאַנד, און ניט אומזיסט באַרימט זיך אַ רומעניש פאָלקסווערטל, אַז אין רומעניע איז נאָך קיינער נישט געשטאָרבן פאַר הונגער.

אָט די אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגן דער אַלטער רומעניע און אירע ייִדן זײַנען נייטיק, איידער מיר גייען באַטראַכטן די ערשטע טריט פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רומעניע מיט איבער פיר צענדלינג יאָר צוריק.

## 1. די השפעה פון רוסלאַנד

די רוסישע עמיגראַנטן דאָבראָדזשעאַנו-גערעאַ, פּ. אַקסעלראָד, ד״ר רוסעל. — „עקספּלאָזאַרע"-געזעץ. — די ערשטע סאָציאַליסטישע גרופּעס. — די ערשטע סאָציאַליסטישע צײַטונג. — די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין בוקאַרעשט. — ד״ר סטעפּנקאַ.

אַ ייִד ווערט אָנערקענט פאַרן פאָטער פון סאָציאַליזם אין רומעניע. געבראַכט האָט ער דעם נײַעם אידעאַל פון רוסלאַנד. ק. דאָבראָדזשעאַנו-גערעאַ[3] איז זײַן נאָמען. אונטער אָט דעם נאָמען איז ער פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רומעניע אַלס איר גײַסטיקער באַשעפער און וועגווײַזער, אונטער דעם נאָמען איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין דער סאָציאַליסטישער וועלט-ליטעראַטור מיט זײַנע שאַרפזיניקע מאַרקסיסטישע אַנאַליזן פון דער רומענישער ווירטשאַפט, און מיט אָט דעם נאָמען שטאָלצירט אויך די רומענישע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור, ווײַל דאָבראָדזשעאַנו-גערעאַ איז געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע רומענישע ליטעראַטור-קריטיקער.

אין רוסלאַנד האָט ער אַנדערש געהייסן: זײַן אמתער נאָמען איז געווען קאַץ. דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן סאָציאַליסטישן פיאָנער וואָלט געגעבן שטאָף פאַר אַ העכסט שפּאַנענדיקן ראָמאַן. דאָ ווילן מיר דערמאָנען נאָר די וויכטיקסטע פּאַסירונגען פון זײַן שטורמישן לעבן: ער איז געבוירן געוואָרן אין קאַטערינאָסלאַווער גובערניע, האָט שטודירט אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט און האָט געהערט צו די רוסישע „נאַראָדניקעס", האָט געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די רוסישע פויערים און געאַרבעט ווי אַ שמיד אין אַ דאָרף. אַז די פּאָליציי האָט אים אַנטדעקט, איז ער אַנטלאָפן קיין רומעניע (1875). אין דער צײַט פון דער רוסיש-טערקישער מלחמה (1877—1878), בעת אַ רוסישע אַרמיי איז דורכגעגאַנגען די רומענישע טעריטאָריע, האָבן רוסישע שפּיאָנען אים דערקענט און פאַרנאַרט אויף אַ רוסישער שיף, וואָס איז געשטאַנען אין גאַלאַץ. מען האָט אים צוריקגעבראַכט קיין רוסלאַנד און אים געהאַלטן אַ שטיקל צײַט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג און דערנאָך פאַרשיקט קיין סיביר. פון סיביר איז ער אַנטלאָפן און געקומען צוריק קיין רומעניע (1879), וווּ די רעגירונג האָט אים גאַסטפרײַנדלעך געלאָזט

---

[3] Dobrogeanu Gherea.

בלײַבן.* ער איז נישט געווען דער ערשטער און נישט דער לעצטער אַנטלאָפענער רעוואָלוציאָנער פון רוסלאַנד, וואָס האָט געפונען אַ מקום־מנוחה אין רומעניע. די רומעניש רעגירונג האָט אין יענע צײַטן לחלוטין קיין מורא ניט געהאַט פאַר אָט די רעוואָלוציאָנערע „פאַנטאַזיאָרן״, זײַענדיק איבערצײַגט, אַז צו די פויערים אין די דערפער וועלן זייערע אידעען ניט דערגיין, און פאַר רעוואָלוציעס אין די שטעט מיט דער גאַנץ שיטערער פּראָלעטאַרישער שיכט האָט זיך די רומענישע רעגירונג ווייניק וואָס געשראָקן.[4] די רומענישע רעגירונג האָט דאָ, פאַרקערט, אַרויסגעוויזן אַפילו אַ געוויסע סימפּאַטיע צו די אַנטלאָפענע רוסישע רעוואָלוציאָנערן. אין זיי האָט זי אין דער ערשטער ריי געזען שונאים פון רוסלאַנד, נאַטירלעכע פאַרבינדעטע פאַר אירע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס אויף בעסאַראַביע, וואָס איז אַמאָל געווען אַ טייל פונעם רומענישן פירשטנטום מאָלדאַווע און איז אָפּגעריסן געוואָרן פון איר דורך דער רוסישער רעגירונג. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס טאַקע באַרעכטיקט געוואָרן: די רוסישע רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן האָבן טאַקע פאַראורטיילט דעם רויב פון בעסאַראַביע דורכן רוסישן צאַריזם. עס איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס די ערשטע סאָציאַליסטישע צײַטונג אין רומעניע איז געגרינדעט געוואָרן פון רוסישע סאָציאַליסטן אין יאַס און האָט געטראָגן דעם נאָמען „בעסאַראַביאַ״, אונטערשטרײַכנדיק דערמיט איר אירעדענטיסטישע טענדענץ קעגן רוסלאַנד. די צײַטונג איז אַרויסגעגאַנגען פון סעפּטעמבער ביז דעצעמבער 1879. אירע וויכטיקסטע מיטאַרבעטער זײַנען געווען די רוסישע עמיגראַנטן דאָבראָדזשעאַנו־געריאַ און ד״ר רוסעל און די רומענישע סאָציאַליסטן יאָאַן נאַדעזשדע, סאָפיאַ נאַדעזשדע און ספּעראַנצאַ.

אויך פּאַוועל אַקסעלראָד האָט פאַרבראַכט אין יענע יאָרן אַ געוויסע צײַט אין רומעניע און באַטייליקט זיך אין דעם ערשטן סאָציאַליסטישן קרײַזל, וואָס האָט זיך געשאַפן אין יאַס. אַקסעלראָד האָט געמאַכט עטלעכע קאָנספּיראַטיווע רייזעס קיין רוסלאַנד איבער יאַס, איין מאָל אַפילו מיט אַ פּאַס פון אַ רומענישן בירגער.** מיט די נעמען פון

---

* קאַץ, קאָנסטאַנטין (געב׳ 1855, געשט׳ 1920 אין רומעניע) — אַ זון פון אַ קאַטערינאָסלאַווער ייִדישן סוחר, האָט אין די יונגע יאָרן געהערט צו די ערשטע „נאַראָדניקעס״ אין דרום־רוסלאַנד, געהאַט אַ נאָמען פון אַ געבילדעטן און זייער ענערגישן רעוו׳ טוער, אַן אָנהענגער פון באַקונינען; „לויט זײַנע ענדציַלן — אַן אַנאַרכיסט, לויט זײַן טאַקטיק — אַ לאַוורויסט״, ווי עס כאַראַקטעריזירט אים זײַן יוגנט־פרײַנד און בן־עיר אָ. אַפּטעקמאַן. דער לעצטער גיט איבער, אַז שפּעטער, ווען קאַץ־דאָבראָדזשעאַנו איז געוואָרן אַ באַוווסטער רומענישער שרײַבער און האָט אַרויסגעלאָזט זײַן קלאַסיש ווערק וועגן דער אַגראַר־פראַגע אין רומעניע, האָט אים דער רומענישער קיניג, ווי מ׳דערציילט, צוגעשיקט אַן אָרדן, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די דאָזיקע אויסצייכענונג. זע: אָ. אַפּטעקמאַן Общество „Земля и Воля“ צווייטע אויפל׳, פּעטראָגראַד 1924, ז׳ 142—148, אויך Био-Библиограф. Словарь (פאַרל׳ פון „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס״), ב׳ 2 (70ער יאָרן), נו׳ 2, ז׳ 554. זע אויך: מ. ראָזענבאום, ערינערונגען פון אַ סאָצ׳־רעוואָלוציאָנער, ב׳ 2, ז׳ 260. — רעדאַקציע.

4 אַגב באַמערקט, דערקלערט זיך דערמיט אויך די לפי־ערכדיקע פרײַהייט, וואָס רומענישע רעגירונגען פלעגן געבן אין יענער צײַט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די שטעט: פרײַהייט פון פּרעסע, פאַרזאַמלונגען און פאַראייגען. אַפילו די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז נישט איבעריק געשטערט געוואָרן. דער שטאַנדפּונקט פונעם הערשנדיקן אַגראַריש־פּריצישן קלאַס איז געווען: טוט זיך אין די שטעט, וואָס איר ווילט, דאָס דאָרף מיט זײַנע 80 פּראָצענט פון דער רומענישער באַפעלקערונג איז פעסט אין אונדזערע הענט.

** צו די אָנווײַזן פונעם מחבר ווילן מיר צוגעבן, אַז פּאַוועל אַקסעלראָד האָט זיך אויפגעהאַלטן אין רומעניע נאָר צײַטווײַליק: דאָס ערשטע מאָל, זומער 1879, נאָר אַ פּאָר וואָכן, ווען ער איז מיט אַ רומענישן פּאַס אויפן נאָמען פון „פּראָפעסאָר ליביך״ אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס; דאָס צווייטע מאָל, 1880—1881, האָט ער פאַרבראַכט אַ האַלב יאָר; אין מערץ 1881 איז ער „רעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן אין איינעם מיט אַנדערע רוס׳ עמיגראַנטן; פּג״ל: П. Аксельрод, Пережитое и передуманное, (בערלין 1923), ב׳ 1, ז׳ 311—314 און 369 - 380. ד״ר רוסעל איז דער באַקאַנטער עמיגראַנט ניקאָלאַי סודזיי־

פּאַוועל אַקסעלראָד און ד״ר רוסעל איז אויך פֿאַרבונדן דאָס ערשטע רעפּרעסיווע געזעץ אין רומעניע קעגן סאָציאַליסטן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער קוואַל פֿון אַזוי פֿיל צרות און יסורים פֿאַר סאָציאַליסטישע טוערס — ספּעציעל פֿאַר יידישע סאָציאַליסטן, אָבער אויך פֿאַר יידן בכלל: דאָס געזעץ וועגן „עקספּולזאַרע״ (אַרויסשיקונג פֿון לאַנד). אַקסעלראָד און ד״ר רוסעל זיינען געווען די ערשטע געליטענע פֿון זעם געזעץ. געווען איז דאָס אַזוי: אין מערץ 1881 האָבן די סאָציאַליסטן אין יאַס אָרגאַניזירט אַ פֿייערונג פֿונעם געדענקטאָג פֿון דער פּאַריזער קאָמונע. דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר איז געווען זיכער, אַז דאָס גייט מען פֿייערן דעם אַטענטאַט אויפֿן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, וואָס איז דעמאָלט געהרגעט געוואָרן אין פּעטערבורג, און האָט געפֿאָדערט פֿון דער רומענישער רעגירונג אָנצונעמען די שאַרפֿסטע מיטלען. די רעגירונג האָט פֿאַרווערט די פֿייערונג, האָט אָפּגעזאָגט נאַדעזשדען פֿון זיין לערער-שטעלע אין אַ מיטל-שול, האָט אַרעסטירט די ביידע רוסישע עמיגראַנטן אַקסעלראָדן און ד״ר רוסעלן און אָפּגעהאַלטן זיי אַרעסטירט 6 וואָכן צייט.* דערווייל האָבן רומענישע יוריסטן געזוכט עפּעס אַ פּאַראַגראַף אין שטראָפֿקאָדעקס, וואָס זאָל זיך פּאַסן פֿאַר אַזעלכע „פֿאַרברעכער״, אָבער אַזאַ געזעץ האָט מען ניט געפֿונען. אַזוי ווי דעם קאַטעגאָרישן פֿאַרלאַנג פֿון דעם מעכטיקן שכן האָט מען אָבער פֿאָרט נישט געטאָרט אָפּזאָגן, האָט מען געשאַפֿן אַ ספּעציעל געזעץ פֿאַר דעם דאָזיקן פֿאַל, און פּ. אַקסעלראָד און ד״ר רוסעל זיינען די ערשטע אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון לאַנד — אין נאָמען פֿון אַ געזעץ, וואָס מיט דער הילף פֿון דעם

---

לאַווסקי (זע וועגן אים אין די באַמערקונגען צו גריגאָרי גורעוויטשעס זכרונות אין דעם זאַמלבוך); ער האָט זיך באַזעצט אין יאַס ווי אַן אַמעריקאַנער דאָקטאָר מיטן נאָמען דזשאָן רוסעל און האָט זיך דאָ אַקטיוו באַטייליקט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; אין איינעם מיט נאַדעזשדע האָט ער דאָ רעדאַקטירט די ערשטע רומענישע סאָציאַליסטישע צייטשריפֿט. אין מערץ 1881 איז ער אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן אין איינעם מיט פּ. אַקסעלראָדן.

מיר ווילן דאָ אָנווייזן נאָך אויף צוויי אַנגעזעענע רוס׳ רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן, וואָס האָבן געלעבט און געאַרבעט אין רומעניע: איינער פֿון זיי איז דער באַקאַנטער באַקוניסט זעמפֿירי ראַלי (שטאַמט פֿון בעסאַראַביע); ער האָט דאָ געלעבט זייער לאַנג ווי אַ רומענישער בירגער אונטערן נאָמען אַרבאָרע, און האָט אַפֿילו רעדאַקטירט פֿון יאָר 1881 אָן אָפֿיציעלע רומענישע צייטונג „טעלעגראַפֿול״, וואָס האָט געפֿירט אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן רוסלאַנד; פֿון יאָר 1893 האָט ער אַרויסגעגעבן אין בוקאַרעשט אַ „פּאָליטיש-סאָציאַליסטישע״ רום׳ צייטונג „די רומענישע קאָרעספּאָנדענץ״. דער צווייטער איז — וואַסילי איוואַנאָווסקי (דעם רוס׳ שרייבער קאָראָלענקאָס אַ שוואָגער), וואָס איז אויף שטענדיק פֿאַרבליבן אין רומעניע, אונטערן נאָמען פּיאָטר אַלעקסאַנדראָוו (געשט׳ אין בוקאַרעשט 1911) און האָט דאָ פּראַקטיקירט ווי אַ דאָקטאָר. ראַלי און איוואַנאָווסקי האָבן געבילדעט דעם צענטער פֿון דער רוס׳ רעוואָלוציאָנערער עמיגראַציע אין רומעניע.

דער אייגנטלעכער ערשטער רוסישער עמיגראַנט, וואָס האָט זיך דאָ באַזעצט נאָך פֿאַר זיי אַלעמען, איז געווען זובקו-קאָדרעאַנו (ניקאָלאַי זובקאָוו), אַ זון פֿון אַ בעסאַראַבער גלח, אַ סטודענט, וואָס האָט געפֿירט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערים און איז אין 1874 אַנטלאָפֿן קיין רומעניע, ווו ער איז געוואָרן אַ דאָקטאָר. ער האָט אָרגאַניזירט אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן קיין רוסלאַנד, אָבער אין גיכן (1878) איז ער געשטאָרבן פֿון טובערקולאָז; קאַץ-דאָבראָדזשעאַנו איז אַהער געקומען ערשט אין אַ יאָר אַרום נאָך אים. אַ קורצע צייט האָט פֿאַרבראַכט אין רומעניע אויך לאַזאַר גאָלדענבערג — וועגן אים זע אונדזער ווייטערדיקע הערה. — רעדאַקציע.

* צווישן די אַרעסטירטע דעם 18טן מערץ 1881 און אַרויסגעשיקטע איז אויך געווען דער באַקאַנטער רוסיש-יידישער רעוואָלוציאָנער לאַזאַר גאָלדענבערג (וואָס האָט אין 1876 זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אהרן ליבערמאַנס „אגודת הסאָציאַליסטים״ אין לאָנדאָן). ער האָט געלעבט נאָר אַ קורצע צייט אין רומעניע, ווו ער האָט אָנטייל גענומען אין גרינדן סאָציאַליסטישע קרייזלעך און געהאָלפֿן זעצן סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס אין רומעניש. לויט די רוסישע מקורים איז די פֿייערונג אין יאַס, דעם 18טן מערץ 1881, געווען געהייליקט

האָט מען שפּעטער לאַנגע יאָרן משלח געווען הונדערטער און הונדערטער אייגענע און פֿרעמדע בירגער.[5]

וואָס איז שייך דאָבראָדזשעאַנו-גערעאַ האָט ער זיך פֿאַרוואָרצלט אין רומעניע. די רעגירונג האָט אים ניט געטשעפּעט. זײַן טעטיקייט איז די ערשטע צײַט געווען אַ ריין ליטעראַרישע. אָרום אים האָט זיך אמת גרופּירט אַ קרײַז אינטעליגענטן, וועלכע ער האָט גײַסטיק באַפֿרוכפּערט מיט זײַן מאַרקסיסטישער בילדונג, אָבער די סאָציאַליסטישע גרופּע, וואָס איז פֿאָרמירט געוואָרן פֿון די דאָזיקע אינטעליגענטן אונטער זײַן השפּעה, האָט תּחילת נישט געהאַט קיין שום ווירקונג אויף די מאַסן, און די רעגירונג האָט זיך דעריבער ניט געשראָקן.

נאָך איידער ס'איז געגרינדעט געוואָרן אין רומעניע די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, האָט זיך געבילדעט אין בוקאַרעשט (נאָוועמבער 1887) אַ קרײַז ייִדישע אינטעליגענטן, וואָס האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע, אַחוץ אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער טעטיקייט, אין דער ערשטער ריי צו קעמפֿן פֿאַר ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג. דאָס איז אין דער זעלביקער צײַט געווען די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין בוקאַרעשט בכלל, ווײַל אַ רומענישער סאָציאַליסטישער קלוב איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן ערשט אין יאָר 1890. אָט דער קרײַז, וועלכער איז געשטאַנען אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם דעמאָלטיקן סטודענט סטענקאַ (ראָמאַניזירטער נאָמען פֿון שטיין), קאָן באַטראַכט ווערן פֿאַר דער ערשטער אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן אין רומעניע, וואָס איז געווען ניט סתם אַ סאָציאַליסטישע און צופֿעליק אַ ריין ייִדישע, נאָר וואָס האָט זיך באַוווּסטזיניק געשטעלט אויף אַ ייִדישער פּלאַטפֿאָרמע, דאָס איז געווען מיט איין וואָרט אַ ייִדישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. סטענקאַ אַליין, אַ קינד פֿונעם יאַסער ייִדישן קוואַרטאַל (געבוירן אין יאַס אין 1865), איז געווען אַ סאָציאַליסט מיט אַ גרינדלעכער מאַרקסיסטישער בילדונג, אַ קרישטאָל-ריינע פּערזענלעכקייט. ווען ער האָט זיך פּאַרטיפּט, נאָך אַלס סטודענט פֿון בוקאַרעשטער אוניווערסיטעט, אין סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען, האָט ער די וויכטיקסטע אויפֿגאַבע זײַנע אַלס סאָציאַליסט דערזען אין קאַמף קעגן ייִדישער רעכטלאָזיקייט; און מיט דעם געדאַנק האָט ער געשאַפֿן די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציע.

וועגן דער טעטיקייט פֿון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע דערוויסן מיר זיך נישט איבעריק פֿיל. מיר הערן פֿון אַ מאַניפֿעסט, וועלכן ס'האָט אַרויסגעלאָזט די דאָזיקע גרופּע אין יאָר 1887: „צו דער איזראַעליטישער יוגנט אין גאַנצן לאַנד", אין וועלכן די ייִדישע יוגנט ווערט גערופֿן, אין נאָמען פֿון סאָציאַליזם, צום קאַמף פֿאַר ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג, צום קאַמף „פֿאַר די שוואַכע". מיר הערן אויך, אַז די גרופּע האָט אַ גאַנץ קורצע צײַט אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם זשורנאַל, אונטערן נאָמען „לומינאַ" (אַ נאָמען, וועלכן עס האָט איבערגענומען, ווי מיר וועלן זען שפּעטער, די יאַסער ייִדישע

ניט נאָר דעם אָנדענק פֿון דער פּאַריזער קאָמונע, נאָר אויך דעם טעראָראַקט פֿון 1טן מערץ, אַזוי אַז דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר האָט דאָ קיין טעות ניט געהאַט. וועגן דעם אַרעסט ווערט אויך אויספֿירלעך דערציילט אין אַקסעלראָדס ציטירטע זכרונות, ז' 374 א"ו. — רעדאַקציע.

[5] פֿון די שפּעטער געליטענע, וואָס זײַנען אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון לאַנד אויפֿן סמך פֿון דעם דאָזיקן געזעץ, דערמאָנען מיר: ד"ר משה גאַסטער — דער היינט באַרימטער געלערנטער אין לאָנדאָן; ד"ר שוואַרצפֿעלד — דער באַקאַנטער היסטאָריקער און רעדאַקטאָר פֿון אַ רומעניש-ייִדישער צײַטונג; אַזיעל — רעדאַקטאָר פֿון דער ערשטער ייִדישער צײַטונג אין רומעניע „היועץ". — אַלע אַרויסגעשיקט פֿון רומעניע אין 1885 אַלס „מלוכה-געפֿערלעכע פֿרעמדע".

אַרויסשיקונגען פֿון איינצלנע ייִדן און סאָציאַליסטן האָבן קיין מאָל נישט אויפֿגעהערט. אין יאָר 1907 איז געקומען אַ גירוש פֿון מערערע הונדערט סאָציאַליסטן, צווישן זיי ד"ר ראַקאָווסקי, (זע ווײַטער) און דער באַוווּסטער ייִדישער און רומענישער ליטעראַט באַרבו לאַזאַרעאַנו.

סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע). אָבער נישט דעם מאַניפֿעסט און נישט דעם זשורנאַל איז ניט געראָטן ביז הײַנט אויסצוגעפֿינען. אין אַ הספּד, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אויף די שפּאַלטן פֿון דעם שפּעטערדיקן יאַסער זשורנאַל „לומינאַ“ נאָכן יונג פֿאַרשטאָרבענעם ד״ר סטענקאַ (1897), ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז סטענקאַס גרופּע האָט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו אַרבעטן באַזונדער און באַוווּסטזיניק זיך געהאַלטן דערווײַטערט פֿון די רומענישע סאָציאַליסטן. אין ייִדישע פֿראַגן — ווערט געזאָגט אין דעם הספּד — איז אָט די ערשטע גרופּע ייִדישע סאָציאַליסטן נאָך נישט געווען גענוג אויסגעהאַלטן, זי האָט נאָך נישט געהאַט יענע סאָציאַליסטישע שול, יענע ערפֿאַרונגען, וואָס האָבן געוויזן דעם וועג דער שפּעטער געגרינדעטער ייִדישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע אין יאַס. די גרופּע האָט שטאַרק באַקעמפֿט די שמד־מגפֿה צווישן ייִדישע אינטעליגענטן און האָט פֿאַרנומען אַ רעזערווירטע שטעלונג לגבי די אַסימילאַטאָרישע קרײַזלעך, וואָס האָבן זיך געגרינדעט אין 1890 אין יאַס און אין בוקאַרעשט. פֿונדעסטוועגן האָט סטענקאַ צוגעלאָזט דעם געדאַנק פֿון ייִדישער אַסימילאַציע ווי אַ רעזולטאַט פֿון אַנטוויקלונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע צווישן די פּראָלעטאַרישע קלאַסן פֿון אַלע נאַציעס. די דאָזיקע גרופּע — דערוויסן מיר זיך ווײַטער — האָט אויך פּראָיעקטירט אַרויסצוגעבן אַ ייִדישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל, דער פּלאַן איז אָבער נישט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן.

סטענקאַ האָט שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פֿון רומעניע. ער האָט די פּאַרטיי פֿאַרטראָטן אויף אויסלענדישע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן און האָט מיטגעאַרבעט אין אַלע פּאַרטייִשע אויסגאַבעס. די פֿון אים געגרינדעטע ייִדישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע האָט קיין לאַנגן קיום נישט געהאַט. עס איז קיין ספֿק נישט, אַז בוקאַרעשט איז נישט געווען דער גינסטיקער באָדן פֿאַר אַ באַזונדער אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן. וועגן דער שײַנקייט פֿון סטענקאַס פּערזענלעכקייט זאָגט עדות די באַשיידענע אויפֿשריפֿט, וואָס באַצירט, לויט דער אָנווײַזונג פֿון זײַן צוואה, די מצבֿה אויפֿן יאַסער בית־עולם, וווּ עס רוט זײַן קערפּער:

דאָקטאָר סטענקאַ — שטיין

1897 — 1865

זאָל לעבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע!

## II. די רומענישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און די ייִדן־פֿראַגע

יאַס און בוקאַרעשט. — ערעלשטיין. — די ייִדישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „לומינאַ“ אין יאַס.

צווישן דאָבראָדזשעאַנו־גערעאַ און דער רומענישער ס״ד פּאַרטיי האָט זיך געשאַפֿן אַן אייגנאַרטיקע באַציִונג: גערעאַ האָט געליווערט דעם גײַסטיקן וואָפֿן, די „פּראַקטישע פֿירערס“ אָבער האָבן באַשטימט די טאַקטיק פֿון דער פּאַרטיי. צווישן די פֿירערס פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין יענער צײַט זײַנען די וויכטיקסטע געווען: ראַדאָוויטש[6] און מאָרצון,[7] צוויי רײַכע רומענישע יונגעלײַט מיט הויכער בילדונג, און יאָאַן נאַדעזשדע,[8] אַ טאַלענטפֿולער שריפֿטשטעלער און זשורנאַליסט. די דאָזיקע פֿירערס זײַנען געגאַנגען אויף מאָדנע וועגן אין זייער „פּראַקטישער“ פֿאַרווירקלעכונג

6 Radovici.

7 Morţun.

8 Joan Nădejde (וועגן נאַדעזשדע, ווי איינעם פֿון די פּיאָנערן פֿון דער סאָצ׳ באַוועגונג אין רומעניע, און זײַן ווײַטערדיקער קאַריערע זע אַקסעלראָדס ציטירטע זכרונות, ז׳ 314, 371 א״ו. — רעד׳).

פֿון די אידעען, וועלכע זיי האָבן געלערנט פֿון זייער רבין דאָבראָדזשעאַנו-גערעאַ. זיי זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט, הגם דאָס אָליגאַרכישע וואַלרעכט אין רומעניע האָט פּשוט אוממעגלעך געמאַכט פֿאַר יעדן מענטש מיט אַ מער-ווייניקער פּאָלקסטימלעכן פּראָגראַם זיך צו דערשלאָגן צו אַ מאַנדאַט אין פּאַרלאַמענט, אָבער משמעות, אַז זייער סאָציאַליזם איז געווען אַזאַ ניט קיין געפֿערלעכער, אַז אַפֿילו די פּריווילעגירטע קלאַסן-ווײַלער האָבן זיך נישט געשראָקן פֿאַר אים.

בשעת אין דער הויפּטשטאָט, אין בוקאַרעשט, איז דער סאָציאַליזם אין יענער צײַט געווען נישט מער ווי אַ באַליבטע טעמע פֿאַר דיסקוסיעס אין אינטעליגענטע קרײַזלעך, האָט אָבער די נײַע אידעע אין דער הויפּטשטאָט פֿון מאָלדאַווע, אין יאַס, און אויך אין אייניקע אַנדערע שטעט פֿון מאָלדאַווע געפֿונען אַן אָפּקלאַנג בײַ דער פֿרײַהייטס-דאָרשטיקער אונטערדריקטער מאַסע — בײַ דער י ײִ ד י ש ע ר אַ ר ע מ ש אַ פֿ ט. די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס האָבן דאָ דעם פּשט פֿון סאָציאַליזם אַנדערש געלערנט: זיי האָבן געזען אין סאָציאַליזם די באַפֿרײַונגס-באַוועגונג פֿון אַלע אונטערדריקטע און האָבן אָנגעהויבן צו פֿאָדערן רעכט און פֿרײַהייט אויך פֿאַר זיך, פֿאַר די ייִדישע מאַסן, פֿאַר אָט די „שוצלאָזע פֿרעמדע" פֿון רומעניע.

אויף דעם געביט איז באַלד געקומען צו אַ שאַרפֿן קאָנפֿליקט צווישן די ייִדישע סאָציאַליסטן און דער אָפֿיציעלער אָנפֿירונג פֿון דער פּאַרטיי. די דערמאָנטע סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט האָבן אויפֿגעהויבן דעם לאָזונג פֿון אַ ל ג ע מ יי נ ע ם ג ל ײַ כ ן וו אַ ל ר ע כ ט און האָבן געקעמפֿט מיט גרויס ענערגיע פֿאַר דער דאָזיקער פֿאָדערונג, וועלכע איז אין יענע צײַטן נישט בלויז אין רומעניע אַליין געווען דער ברענפּונקט פֿון אַלע סאָציאַליסטישע שטרעבונגען. דער קאַמפֿרוף צו אַלגעמיינעם וואַלרעכט האָט אָבער באַקומען אַ מאָדנעם קלאַנג אויף דער ייִדישער גאַס אין מאָלדאַווער געגנט: דאָס דאָזיקע רעכט איז געפֿאָדערט געוואָרן פֿאַר אַלע ב י ר ג ע ר פֿון לאַנד, ייִדן זײַנען אָבער קיין בירגער ניט געווען. די יאַסער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע, אַ שטאַרק „פֿאַרייִדישטע", האָט דעריבער ענערגיש געפֿאָדערט, אַז די וואַלרעכט-פֿאָדערונג זאָל פֿאַרברייטערט ווערן „אויף אַלע אײַ נ וו ו י נ ע ר פֿון לאַנד, וואָס האָבן אויסצופֿירן בירגערפֿליכטן", אָבער די פּאַרטיי-אָנפֿירונג האָט זיי אין דעם אָ פּ ג ע ז אָ ג ט.

בכדי צוצוגעבן דעם קאַמף פֿאַר וואַלרעכט אַ ברייטערן פֿאַרנעם, האָט די פּאַרטיי געגרינדעט אַ „ל י ג ע פֿ אַ ר אַ ל ג ע מ יי נ ע ם וו אַ ל ר ע כ ט", אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן אויך נישט-סאָציאַליסטן, ספּעציעל לינקע ליבעראַלן. צווישן די דאָזיקע ניט סאָציאַליסטישע מיטגלידער פֿון דער ליגע וועלן מיר דערמאָנען קאָגאַלניטשעאַנו און ראָזעטי — שפּעטער היוכע מלוכה-מענער, וואָס זײַנען באַקאַנט געוואָרן אין דער רומענישער געשיכטע. האָבן די ייִדישע סאָציאַליסטן געפֿאָדערט, מען זאָל זיי אויך אַרײַננעמען ווי מיטגלידער אין דער דאָזיקער ליגע; האָט זיי די פּאַרטיי-אָנפֿירונג אין דעם אויך אָ פּ ג ע ז אָ ג ט.

די ייִדישע מאַסן האָבן זיך געגנייטיקט, חוץ פּאָליטישע רעכט, אין פּשוטע בירגער-לעכע און מענטשנרעכט בכלל. זייער לאַגע איז געווען אַ שרעקלעכע: באַרויבט אין די פּרימיטיוווסטע לעבנסרעכט, באמת היימלאָזע, געיאָגטע און געטריבענע, אָפּהענגיקע פֿון דער גענאָד פֿון יעדן פּרעפֿעקט ביז אַראָפּ צום קלענסטן פּאָליציי-באַאַמטן און אַפֿילו נאַכטוועכטער. די ייִדישע סאָציאַליסטן האָבן דעריבער געפֿאָדערט, אַז די פּאַרטיי זאָל אַרײַנשרײַבן אין איר קאַמפּפּראָגראַם: מענטשלעכע און בירגערלעכע רעכט פֿאַר די „שוצלאָזע פֿרעמדע". אָבער אויך אין אָט דעם פֿאַרלאַנג האָט זיי אָ פּ ג ע ז אָ ג ט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי-אָנפֿירונג.

תּירוצים זײַנען געווען צווייערליי: ערשטנס האָט די פּאַרטיי בײַם באַטראַכטן די ייִדן-פֿראַגע זיך פֿלוצים געשטעלט אויף אַ שטרענג פּראָלעטאַרישן קלאַסן-כאַראַקטער: ווי קאָן מען פֿאָדערן פֿון אַ פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר פּאַרטיי, אַז זי זאָל קעמפֿן פֿאַר די פּאָליטישע רעכט פֿון דער ייִדישער.. ב ו ר ז ש ו אַ ז י ע? צווייטנס האָט די פּאַרטיי

געטרייסט אירע ייִדישע מיטגלידער דערמיט, אַז ווען עס וועט אויסגעקעמפֿט ווערן דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט, וועט דער נײַ אויסגעוויילטער פֿאָלקס-פּאַרלאַמענט במילא געבן גלײַכע רעכט אַלע אײַנוווינער פֿונעם לאַנד, די ייִדן אויך בתוכם, און ביז עס וועט קומען דער דאָזיקער נס דאַרפֿן די ייִדן זיצן און וואַרטן און דערווײַל קעמפֿן פֿאַרן וואַלרעכט פֿון די אַנדערע בירגער פֿון לאַנד.

דער קאַמף צווישן דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי-אָנפֿירונג און די ייִדישע סאָציאַליסטן האָט באַלד אָנגענומען זייער שאַרפֿע פֿאָרמען. און ווען מען לייענט הײַנט, מיט אַ האַלב יאָרהונדערט שפּעטער, די אַטאַקעס מצד דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי-פּרעסע אויף דער געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע פֿון די ייִדישע סאָציאַליסטן „לומינאַ"—מיר וועלן דאָס זען פֿון עטלעכע ציטאַטן, וועלכע מיר ברענגען ווײַטער — באַקומט מען דעם אײַנדרוק פֿון פּשוטע אַנטיסעמיטישע אָנפֿאַלן. צווישן די פֿיל מעלות טובֿות, וואָס עס האָבן פֿאַרמאָגט די דעמאָלטיקע סאָציאַליסטישע פֿירערס אין בוקאַרעשט, האָט טאַקע נישט געפֿעלט אַ היפּשע פּאָרציע אַנטיסעמיטיזם, אָבער די הויפּט-סיבה פֿון דעם קאָנפֿליקט איז דאָך געווען אַן אַנדערע, אַ טיפֿערע.

אין דעם קאַמף צווישן דעם סאָציאַליסטישן פּאַרטיי-צענטער אין בוקאַרעשט און דעם ייִדישן סאָציאַליסטישן קרײַז אין יאַס שפּיגלט זיך אָפּ דער שאַרפֿער קעגנזאַץ צווישן דעם גײַסטיקן לעבן אין בוקאַרעשט און יאַס בכלל. די ביידע הויפּטשטעט פֿון די ביידע העלפֿטן אַלט-רומעניע האָבן איבערגעלעבט יעדערע אַ באַזונדערן היסטאָרישן גורל און יעדערע פֿון זיי האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ באַזונדער שטייגער. די מאָלדאַווער געגנט, מיט איר הויפּטצענטער יאַס, איז געווען די קולטורעלע שפּײַזערין פֿון רומעניע, בשעת די אַנדער העלפֿט לאַנד, וואָלאַכיע, מיט דער הויפּטשטאָט בוקאַרעשט, איז פֿון תּמיד אָן געווען מאַטעריעל די רײַכע יחסנטע, אָבער קולטורעל דאָס קעסטקינד פֿון מאָלדאַווע. יאַס איז געווען אַ צענטער פֿון ליטעראַרישן שאַפֿן, פֿון פּראָווינציאַל-רויִקן, אָבער נאַציאָנאַל-באַוווסטזיניקן לעבן, פֿון געטרײַען אָפּהיטן די רומעניש-נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט. בוקאַרעשט אָבער האָט זיך שוין דעמאָלט געשניטן אויף אַ רעשדיקער גרויסער שטאָט לויטן פֿראַנצויזישן שטייגער. נאָך ביז צום הײַנטיקן טאָג זײַנען נישט פֿאַרווישט געוואָרן די דאָזיקע אינעווייניקסטע קעגנזאַצן, בפֿרט נאָך זײַנען זיי געווען בולט מיט אַ האַלבן יאָר-הונדערט צוריק, ווען די מלוכהשע פֿאַראייניקונג פֿון די פֿריער אָפּגעזונדערטע פֿירשטנטימער איז נאָך פֿריש געווען אין זיכּרון.

אין אָט די צוויי פֿאַרשיידענע גײַסטיקע וועלטן האָט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג געמוזט גיין אין פֿאַרשיידענע וועגן. די ערשטע שפּראָצונגען פֿון סאָציאַליזם האָבן זיך באַוויזן אין יאַס. ווען זיי האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אויך איבער בוקאַרעשט, האָבן עקסיסטירט אין לאַנד אַזוי צו זאָגן צוויי מינים סאָציאַליזם: אין יאַס איז די נײַע אידעע געווען אַ הויכער אידעאַל, אַ וועלט-אָנשויונג; אין בוקאַרעשט—אַ וואָכעדיקער ענין, איינע צווישן פֿיל אַנדערע פֿון אויסלאַנד אימפּאָרטירטע געזעלשאַפֿטלעכע אידעען, אַ פֿראַגע פֿון דירעקטן פּאָליטישן ערפֿאָלג, פֿון קאַריערע. פֿון די אָנפֿאַלן מצד דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי-צײַטונג אויף דער גרופּע ייִדישע סאָציאַליסטן אין יאַס רעדט אַרויס נישט גלאַט אַן אַנטיסעמיטישער געפֿיל, נאָר אין דער ערשטער ריי די פֿאַרביטערונג פֿון די ניכטערע בוקאַרעשטער „רעאַל-פּאָליטיקער" קעגן די אײַנגעעקשנטע יאַסער אידעאַליסטישע „פֿאַנטאַזיאָרן", וואָס כאַפּן זיך אָן אָן אַזאַ אומפּאָפּולערער המצאה, ווי—רעכט פֿאַר ייִדן, אָן שום שאַנסן אויף ערפֿאָלג, פּשוט לשם פּרינציפּ, בעת ווען מען זאָל האַנדלען מיט ניכטערן פּאָליטישן שכל, אַוועקשטעלנדיק דערווײַל די ייִדישע פֿראַגע אין אַ זײַט, קאָן מען שפּעטער, ווען עס וועט קומען דער פּאַסיקער פּאָליטישער מאָמענט, פֿיל זיכערער דערגרייכן דעם דאָזיקן פּאָליטישן ערפֿאָלג פֿאַר ייִדן. די בוקאַרעשטער סאָציאַליסטישע פֿירערס אַליין האָבן ענערגיש אָפּגעוואָרפֿן יעדן חשד פֿון אַנטיסעמיטיזם און זיך אָפּטמאָל

אַרויסגעזאָגט קאַטעגאָריש קעגן אַנטיסעמיטיזם ווי אַ פּאָליטישע טעאָריע. יאָאַן נאַדעזשדע האָט אַפֿילו אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל קעגן אַנטיסעמיטיזם אין דער ניו-יאָרקער ייִדישער „צוקונפֿט".[9]

נאָר אַזוי קאָן מען דערקלערן דעם פֿאַקט, וואָס אויך די ייִדישע סאָציאַליסטן אין בוקאַרעשט — זייער צאָל איז דווקא נישט געווען קיין קליינע — האָבן מסכים געווען מיט דער שטעלונג פֿונעם פּאַרטיי-צענטער צו די יאַסער ייִדישע סאָציאַליסטן, און די דאָזיקע שטעלונג האָט זיי להלוטין ניט אָפּגעשטויסן. צי איז דאָס געווען אַסימילאַטאָרישע צביעות? שווער דאָס היינט צו קאָנטראָלירן. גיכער מוז מען זאָגן, אַז די ייִדישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געלעבט אין דער בוקאַרעשטער לופֿט, האָבן זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן אַריינגעצויגן אין דער בוקאַרעשטער „דיפּלאָמאַטיע".

זאָל דאָ צווישן די בוקאַרעשטער ייִדישע סאָציאַליסטן דערמאָנט ווערן איינער, מיטן נאָמען עדעלשטיין (שלמה?), נישט בלויז דערפֿאַר, ווייל אָט דער ערלעכער ייִדישער סאָציאַליסט און הייסער אידעאַליסט פֿאַרדינט, אַז זיין אָנדענק זאָל אויפֿגעהיט ווערן, נאָר אויך דערפֿאַר, ווייל דווקא זיין שטעלונג באַווייזט, אַז אונדזער כאַראַקטעריסטיק פֿון די באַציִונגען צווישן בוקאַרעשטער און יאַסער סאָציאַליסטן איז אַ ריכטיקע. עדעלשטיין איז געווען אַ באַהעלפֿער ביי אַ מלמד אין פֿאַלטיטשען (מאָלדאַווער געגנט). ווען אים האָט דערעסן די קנעלונג, איז ער אַוועק קיין גאַלאַץ, ווו ער האָט געפֿונען אַ שטעלע פֿון אַ משרת ביי אַ בעקער. באַלד ברעכט אויס אַ בעקערשטרייק אין גאַלאַץ. עדעלשטיינס בעל-הבית שיקט דעם משרת אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אויסשפּיאָנירן די שטרייקערס. טרעפֿט זיך אָבער אַ נס: אויף דער פֿאַרזאַמלונג ווערן געהאַלטן סאָציאַליסטישע רעדעס, און אין האַרצן פֿון דעם יונגנמאַן צעפֿלאַקערט זיך אַ הייליקער גלויבן אין דעם נייעם אידעאַל. ער קומט צוריק צו זיין בעל-הבית באַגייסטערט און נעמט זיך נאַיִוו אים איבערצייגן, אַז די שטרייקערס זיינען גערעכט. די ווירקונג פֿון אָט דער ערשטער פּראָפּאַגאַנדע-רעדע זיינער קאָן מען זיך אויסמאָלן. עס הייבן זיך אָן פֿאַר אים וואָכן און חדשים פֿון הונגער און — פֿון שטודירן מיט ברענענדיקער ליידנשאַפֿט די סאָציאַליסטישע ווויסנשאַפֿט. ווען אין בוקאַרעשט הייבט אָן אַרויסצוגיין די טעגלעכע סאָציאַליסטישע צייטונג „לומעאַ נאָואַ", דערשלעפּט ער זיך קיין בוקאַרעשט און לעבט ווי אַ גאַנץ-פּאַרקויפֿער פֿון דער צייטונג. ער ווערט איר בעסטער פֿאַרקויפֿער אין ייִדישן קוואַרטאַל — אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס געווינט יעדן קונה מיט ווערטער פֿון סאָציאַליסטישער איבערצייגונג. באַלד הייבט אָן עדעלשטיין שפּילן אין דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פֿון בוקאַרעשט אַ וויכטיקע ראָלע. ער אַנטוויקלט זיך צו אַן ערפֿאָלגרייכן רעדנער אויף גרויסע פֿאַרזאַמלונגען און ווערט אַפֿילו געשיקט ווי אַ דעלעגאַט אויף קאָנגרעסן. ער אַרבעט ספּעציעל צווישן ייִדן און מיט דער גאַנצער התלהבֿות גיט ער זיך איבער דער אַרבעט אין די קרייזלעך, וועלכע די פּאַרטיי האָט געשאַפֿן אונטער דעם נאָמען „דרעפּטורי" (Drepturi — רעכט).

און אָט דער עדעלשטיין, וואָס איז געווען אַזאַ געטרייער סאָציאַליסט און דערצו אַ ייִד מיטן גאַנצן האַרצן — זיין סאָציאַליסטישע בילדונג האָט ער באַקומען דער עיקר פֿון ייִדישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס — אָנערקענט פֿאַר ריכטיק די בוקאַרעשטער „דיפּלאָמאַטישע" ליניע פֿון דער ס"ד פּאַרטיי בנוגע דער ייִדישער פֿראַגע, און אויפֿן 4טן קאָנגרעס פֿון דער פּאַרטיי טראָגט ער אַריין דעם פֿאָרשלאָג, אַז עס זאָל מער ניט אַרויסגעשטעלט ווערן ווי אַ תּנאַי פֿאַר וואַלאָפּמאַכן מיט אַנדערע פּאַרטייען די פֿאָדערונג פֿון קאַמף קעגן דעם געזעץ וועגן „עקספּולזאַרע" (אַרויסשיקונגען). ביז דעמאָלט פֿלעגט די פּאַרטיי אַרויסשטעלן צוויי תּנאָים פֿאַר שליסן אָפּמאַכן צו די פּאַרלאַמענט-וואַלן מיט בירגערלעכע פּאַרטייען: די אויסגעוויילטע דעפּוטאַטן מוזן קעמפֿן

[9] „צוקונפֿט" 1896, יוני- און אויגוסט-העפֿט.

אין פּאַרלאַמענט פֿאַר אײַנפֿירן דאָס אַלגעמײנע װאַלרעכט און פֿאַר אָפּשאַפֿן דאָס געזעץ װעגן „עקספּולזאַרע". דער לעצטער פּונקט האָט זיך אָבער אַפּנים אַרױסגעװיזן אין דער פּראַקטיק פֿאַר אַ צו ראַדיקאַלן: פֿון דעם עקספּולזאַרע-געזעץ זײַנען געװען געטראָפֿן אין דער ערשטער רײ די ייִדן, און אָננעמען זיך פֿאַר ייִדן איז געװען זײער נישט פּאָפּולער, און דאָס האָט געשטערט די „קאָאַליציע-פֿעיִקײט" פֿון דער פּאַרטײ.

אין דער אײגענער צײַט אַלזאָ, װען די יאַסער ייִדישע סאָציאַליסטן האָבן געפֿונען, אַז אַפֿילו די בײדע אַרױסגעשטעלטע באַדינגונגען זײַנען צו װײניק, און האָבן געפֿאָדערט, אַז די פּאַרטײ זאָל אַרײַננעמען אין איר פּראָגראַם די בפֿירושע פֿאָדערונג װעגן פֿולער גלײַכבאַרעכטיקונג פֿאַר ייִדן, האָט דער ייִדישער סאָציאַליסט עדעלשטײן אין בוקאַרעשט פֿאָרגעלײגט, אַז מען זאָל זיך אָפּזאָגן אַפֿילו פֿון אָט דער ניט-באַקװעמער פֿאָדערונג װעגן אָפּשאַפֿן דאָס עקספּולזאַרע-געזעץ. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דער דאָזיקער פֿאָרשלאָג איז אױפֿן פּאַרטײ-קאָנגרעס אָנגענומען געװאָרן. צי האָבן זיך אפֿשר די פּאַרטײ-פֿירערס בכּיװן אױסגעבאָרגט אַ „ייִדל", כּדי צו כּשרן אָט דעם פֿאָרשלאָג? לעבעדיקע עדות פֿון יענער צײַט זײַנען אַלע מודה, אַז עדעלשטײן איז געװען אַ צו שטאַרקע פּערזענלעכקײט, אַז ער זאָל זיך האָבן געלאָזט אױסנוצן פֿאַר אַזעלכע צװעקן און װערן אַ משרת בײַ די פֿירערס. פֿאַרקערט, בײַ אַנדערע געלעגנהײטן, אין אַנדערע פּרינציפּיעלע פֿראַגן, האָט עדעלשטײן זײער שאַרף, מיטן גאַנצן כּוח פֿון זײַן לײדנשאַפֿטלעכער נאַטור, באַקעמפֿט די אָנפֿירונג פֿון דער פּאַרטײ. מוז מען בכן אָננעמען, אַז עדעלשטײן האָט דאָ אױסגעדריקט זײַן ערלעכע איבערצײַגונג, װעלכע האָט זיך אױסגעהאָדעװעט אין דער בוקאַרעשטער לופֿט.

אַ טראַגישער גורל! עדעלשטײן אַלײן איז באַלד געפֿאַלן אַ קרבן פֿון דעם עקספּולזאַרע-געזעץ: אין יאָר 1897 װערט ער אַרױסגעשיקט פֿון לאַנד אַלס „פֿרעמדער", צוזאַמען מיט נאָך 17 אַנדערע ייִדן, „פֿרעמדע" גלײַך מיט אים—סאָציאַליסטן און גלאַט אַזױ „נישט געװוּנטשענע" ייִדן. אַ האַלב-הונגעריקער און האַלב-נאַקעטער, אַן אױסגעמוטשעטער, שפּרײַזט ער אַריבער דעם אָקעאַן אױפֿן צװישנדעק פֿון אַ שיף און אַ טױט-קראַנקער קומט ער אָן קײן אַמעריקע. נאָך אײן מאָל פֿלאַמט אױף זײַן ענערגיע, און ער מאַכט נײַע פּראָיעקטן װעגן סאָציאַליסטישער אַרבעט אין זײַן אַלטער הײם, אָבער בעת די דאָזיקע פּלענער זײַנען דערגאַנגען צו דער גרופּע רומענישע סאָציאַליסטישע סטודענטן אין פּאַריז, צו װעלכע עדעלשטײן האָט זײ אַדרעסירט, האָט דער טױט שױן אַ סוף געמאַכט צו זײַן לעבן.

עס איז פֿאַרשטענדלעך, אַז די „הױך-פּאָליטישע" טאַקטיק פֿון דער רומענישער סאָצ' פּאַרטײ האָט נישט באַפֿרידיקט די ייִדישע סאָציאַליסטן. זײ האָבן אָרגאַניזירט אין יאַס, אין יאָר 1893, אַ קרײַז „דיסידענטן" (אָפּאָזיציאָנערן), אונטער דעם נאָמען „לומינאַ" (Lumina — ליכט). די דאָזיקע גרופּע איז תּחילת געשטאַנען אױף דעם באָדן פֿון דער פּאַרטײ, קריטיקירנדיק און באַקעמפֿנדיק די אָפֿיציעלע טאַקטיק נאָר אינעװײניק, אין די ראַמען פֿון דער פּאַרטײ. צו דער גרופּע האָבן געהערט אױך אַ קלײנע צאָל נישט-ייִדישע מיטגלידער, און די אָפֿיציעלע טאַקטיק איז באַקעמפֿט געװאָרן אױף אַלע געביטן פֿון פּאָליטישער טעטיקײט, נישט בלױז װאָס איז שײך דעם רעאַקציאָנערן שטאַנדפּונקט פֿון דער פּאַרטײ אין דער ייִדן-פֿראַגע. אָבער דער װיכטיקסטער פּונקט, אין װעלכן די „דיסידענטן" זײַנען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען מיט דער אָפֿיציעלער פּאַרטײ-אָנפֿירונג, איז פֿאָרט געװען די ייִדן-פֿראַגע. די יאַסער גרופּע איז אָנגעפֿירט געװאָרן פֿון עטלעכע אינטעליגענטע און רירעװדיקע יונגעלײַט, צװישן װעלכע מיר דערמאָנען: ליטמאַן געלערטער, לעאָ געלער, מאַקס װעקסלער, מאָריס חײמאָװיטש און שװאַרץ. באַלד איז זי געװאָרן אױסשליסלעך אַ ייִדישע סאָציאַליסטישע גרופּע.

די יאַסער „לומינאַ" חאָט געפֿונען אַ קאָלאָסאַלן אָפּקלאַנג צװישן דער ייִדישער אָרעמשאַפֿט. כּדי צו פֿאַרשטײן איר װירקונג אין דער ייִדישער מאַסע, מוז מען נעמען אין אַכט, אַז

דאָס איז געווען די ערשטע ייִדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג פֿון קאַמף פֿאַר ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג. די פּאַסיוויקייט פֿון דער ייִדישער מאַסע בנוגע איר רעכטלאָזן צושטאַנד איז אין יענער צײַט נישט געווען בלויז אַ רעזולטאַט פֿון אָפּגעשטאַנענקייט און דערשלאָגנקייט פֿון דער מאַסע, ווי אין אַנדערע לענדער, נײַערט אַן אַלגעמיינן אָנגענומענע פּאָליטישע שיטה, אַפֿילו בײַ די פּראָגרעסיווע עלעמענטן — אַ ספּעציעלע דערשײַנונג פֿון רומעניע.

אין קיין שום לאַנד פֿון ייִדישער רעכטלאָזיקייט האָט די לאַגע פֿון די ייִדן נישט געהאַט אַזאַ אויסזען, ווי אין רומעניע. דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער שטריך איז געווען דער, וואָס די ייִדישע רעכטלאָזיקייט איז דאָ געווען אַן ענין פֿון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק: לויטן בערלינער טראַקטאַט (1878) איז, ווי באַקאַנט, רומעניע אָנערקענט געוואָרן ווי אַ זעלבשטענדיקע מלוכה אונטער פֿאַרשיידענע תּנאים, צווישן וועלכע עס איז פֿאַראַן אויך דער תּנאַי, אַז זי זאָל געבן פֿולע גלײַכבאַרעכטיקונג די ייִדישע אײַנוווינער פֿונעם לאַנד. היוכע מלוכה־מענער פֿון די סיגנאַטאַר־מלוכות (דײַטשלאַנד, רוסלאַנד, עסטרײַך־אונגאַרן, איטאַליע, פֿראַנקרײַך און ענגלאַנד) האָבן באַדאַרפֿט אַכטונג געבן, אַז דער דאָזיקער תּנאַי זאָל אויסגעפֿירט ווערן. און אויב די סיגנאַטאַר־מלוכות מאַכן זיך כּלא ידע וועגן דער ייִדישער רעכטלאָזיקייט, טאָ דאַרפֿן די „גלויבנס־ברידער״ פֿון יענע לענדער ווירקן אויף זייערע רעגירונגען, אַז זיי זאָלן ציען צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט די רומענישע רעגירונג, פֿאַר וואָס זי האַלט ניט איר פֿײַערלעכן צוזאָג.[10] די ייִדישע פֿראַגע אין רומעניע איז בכן אַן ענין פֿאַר ביסמאַרקן וכדומה, און אין בעסטן פֿאַל — פֿאַר די ייִדישע גדולים, ווי באַראָן הירש אָדער ראָטשילד; איז לייגט זיך ממש אויפֿן שכל, אַז דער פּשוטער ייִדישער המון אין רומעניע גופֿא האָט נאָר איין אויפֿגאַבע: וואַרטן אויף דער ישועה און — „זיך נישט מישן״.[11]

און אָט אין אַזאַ אַטמאָספֿער פֿון טעמפּקייט און אָפּהענטיקייט איז פּלוצים אַרויס אַ ייִדישע סאָציאַליסטישע גרופּע מיטן רוף צו אָרגאַניזירן זיך און צו קעמפֿן פֿאַר ייִדישע רעכט און פֿאַר אַלגעמיינער באַפֿרײַונג. ס׳איז דעריבער פֿאַרשטענדלעך, אַז דער אויפֿקום פֿון דער דאָזיקער גרופּע האָט געהאַט אויף דער ייִדישער גאַס ממש אַ רעוואָלוציאָנערע ווירקונג. פֿאַר דער דאָזיקער רעוואָלוציע אין יאַס האָט זיך דערשראָקן אין דער ערשטער ריי די אָנפֿירונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין בוקאַרעשט. זי האָט קודם געפּרוּווט צו פּאַראַליזירן די טעטיקייט פֿון דער אָרגאַניזאַציע „לומינאַ״ און זי אויפֿרײַסן פֿון אינעווייניק, מיט דער הילף פֿון ספּעציעלע ייִדישע קרײַזלעך מיטן נאָמען „דרעפּטורי״, וועלכע מיר האָבן אויבן שוין דערמאָנט. דורך די דאָזיקע קרײַזלעך האָט די פּאַרטיי־אָנפֿירונג געפּרוּווט דערווײַזן דעם עולם, אַז זי איז חלילה נישט קעגן ייִדן, אָבער פֿאַר דער „ייִדישער בורזשואַזיע״ טאָר מען נישט אײַנשפּאַנען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און וואָס איז שייך די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן, איז נאָך נישט געקומען דער

---

10 דאָס איז טאַקע אָפּטמאָל געשען אָט אין וועלכער פֿאָרם: ייִדישע באַנקירן אין אויסלאַנד האָבן דערמאָנט רומעניע דעם אַרטיקל 44 פֿונעם בערלינער טראַקטאַט מיט דער התחייבֿות וועגן ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג יעדעס מאָל, ווען רומעניע האָט געזוכט הלוואות אויפֿן אויסלענדישן פֿינאַנצמאַרק, אָבער מיט געהעכערטע פּראָצענטן האָט די רומענישע רעגירונג יעדעס מאָל אײַנגענומען די הערצער פֿון די ייִדישע באַנקירן.

11 אַן אינטערעסאַנטער פֿאַקט מוז דאָ איבערגעגעבן ווערן נאָך הײַנטיקן טאָג טרעפֿן מיר אין אַלט־רומעניע בײַ ייִדן פֿונעם עלטערן דור די ווערטער: „זיך מישן״, ווי אַ באַצייכענונג פֿאַרן באַגריף „פּאָליטיש־טעטיק זײַן״, נישט דווקא אַלס סאָציאַליסט, נאָר אין וועלכער פּאַרטיי ס׳זאָל נישט זײַן, ספּעציעל דעמאָלט ווען די דאָזיקע טעטיקייט פֿירט צו אומאָנגענעמלעכקייטן, למשל אַזוי: „מען האָט אַרעסטירט משהס זיגדל, חײַל... ער האָט זיך געמישט,״ אָדער: „אַ מצווה אויף אים, האָט ער זיך נישט געזאָלט מישן״... מער ווי די אָביעקטיווסטע היסטאָרישע כראָניק באַשטעטיקט אָט דער פֿאָלקס־אויסדרוק די פּאַסיוויקייט פֿון דער ייִדישער מאַסע אין רומעניע.

פּאַסיקער מאָמענט צו פֿאָדערן פֿאַר זיי בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט. די דאָזיקע קרייזלעך, וואָס האָבן געטראָגן (אין רומעניש) דעם נאָמען „רעכט״, געגרינדעט מיטן צוועק צוריקצוהאַלטן די מאַסן פֿונעם קאַמף פֿאַר רעכט, זענען אין פֿאָרויס געווען פֿאַר־משפּט צום אונטערגאַנג און האָבן קיין לאַנגן קיום נישט געהאַט, בעת די אָרגאַניזאַציע „לומינאַ״ האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, הן אין דער צאָל מיטגלידער, הן אין פֿאַר־גרעסערן איר השפּעה אויף די ברייטע ייִדישע מאַסן און אין פֿאַרשטאַרקן איר כּוח כּלפּי חוץ. די שאַרפֿע ווידעראַנאַנדן אין דער ס״ד פּאַרטיי זענען דערגאַנגען ביז זייער לאָגישן סוף: די אינעווייניקסטע פּאַרטיי־דיסקוסיע האָט זיך אַלץ מער פֿאַרשאַרפֿט, די אָרגאַניזאַציע „לומינאַ״ איז אַריבערגעוואַקסן די ראַמען פֿון פּאַרטייִשער דיסציפּלין. אַלע מיטגלידער אירע זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דער פּאַרטיי (צי איז די פֿאָר־מעלע אויסשליסונג געקומען ערשט נאָך דעם, ווי די „לומיניסטן״ זענען שוין אַליין געווען אַרויסגעטראָטן פֿון דער פּאַרטיי, ווי עס דערציילן איינציקע לעבעדיקע עדות פֿון יענער צײַט, אָדער פֿאַרקערט, — אין דעם דאָזיקן וויכּוח ווילן מיר זיך דאָ נישט אַרײַנ־לאָזן). איין מאָל פֿאַרלאָזן דעם באָדן פֿון דער פּאַרטיי, האָט זיך די ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע געפֿילט ווי באַפֿרײַט פֿון אַ שווערן עול און האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט מיט נײַעם מוט, מיט פֿרישע כּוחות.

## III. דער זשורנאַל „לומינאַ״

אין יולי 1895 איז די אָרגאַניזאַציע „לומינאַ״ אַרויס מיט אַן אייגענעם זשורנאַל, וואָס האָט געטראָגן דעם זעלביקן נאָמען „לומינאַ״ („Lumina״). די ערשטע נומערן זענען אַרויסגעגאַנגען איין מאָל אין חודש, די שפּעטערדיקע צוויי מאָל חודשלעך, אָבער נישט גאַנץ רעגלמעסיק. די שרײַבערס זענען געווען: געלער, געלערטער, וועקסלער און ברוינשטיין. דעם ברייטסטן אָרט אין זשורנאַל פֿאַרנעמט די פּאָלעמיק מיט דער אָנפֿירונג פֿון דער ס״ד פּאַרטיי אַרום דער ייִדן־פֿראַגע. די פּאָלעמיק ווערט געפֿירט אין זייער אַ שאַרפֿן טאָן. לאָמיר דאָ ברענגען איינציקע בײַשפּילן.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז דער שטאַרקסטער אַרגומענט פֿון דער ס״ד פּאַרטיי־אָנפֿירונג קעגן דער פֿאָדערונג פֿון קאַמף פֿאַר ייִדישע בירגעררעכט איז געווען, אַז פֿאַר די רעכט פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע טאָר מען נישט שטעלן אין קאַמף אַ סאָציאַ־ליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי; שאַפֿן אַ ספּעציעל ייִדישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע איז פֿאַר דער דאָזיקער פּאַרטיי־אָנפֿירונג אַוודאי און אַוודאי געווען אָסור. און יאַאַן נאַדעזשדע, איינער פֿון די טאַקטישע פֿירערס פֿון דער פּאַרטיי און אויך איר טעאָרעטישער וואָרט־זאָגער, פּאָלט אָן אויף דער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע מיט שאַרפֿע שטראָפֿרייד אין דעם אָפֿיציעלן אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי „לומעאַ נאָוא״ — „Lumea Nua״ (איבער־געגעבן אין „לומינאַ״ פֿון אָקטאָבער 1895): „די לומיניסטן חײַמאָוויטש אאַז״וו ווילן מאַכן פֿון ייִדישע אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן איין פּאַרטיי״, וועלכע זאָל פֿירער פֿאַר אַלץ אויסקעמפֿן רעכט פֿאַר די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן.

בכלל האַלט זיך די פּאַרטיי־קריטיק שטאָל און אײַזן פֿאַר איר באַהויפּטונג, אַז די „לומינאַ״ איז נישט קיין סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ פֿאַראייניקונג פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן און ייִדישע קאַפּיטאַליסטן צום קאַמף פֿאַר בירגעררעכט פֿאַר דער בורזשואַזיע. אָבער די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי גופֿא רוקט זיך דאָך דווקא נישט אָפּ פֿון אַ צוזאַמענאַרבעט מיט בורזשואַזע עלעמענטן, פֿאַרקערט — די „ליגע פֿאַרן אַלגע־מיינעם וואַלרעכט״ איז דאָך פֿון איר ספּעציעל געשאַפֿן געוואָרן מיטן צוועק צו פֿאַראייניקן סאָציאַליסטישע און בורזשואַזע פּאָליטישע טוערס צום שותּפֿותדיקן קאַמף פֿאַרן אַלגעמיי־נעם וואַלרעכט? דערויף ענטפֿערט אָפּ נאַדעזשדע מיט אַן אמתן האָטנטאָטישן אַרגו־מענט, אַז דאָס, וואָס ס׳איז כּשר פֿאַר דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי־אָנפֿירונג, איז טריף און

אוממאָראַליש פֿאַר די ייִדן, וואָרעם — שרײַבט ער ציניש — „די לומיניסטן פֿאַרגעסן, אַז אונדזערע (רומענישע, הייסט עס) בורזשויעס זענען בירגער מיט פּאָליטישע רעכט, אָבער זייערע (די ייִדישע, הייסט עס) — וואָס זענען זיי?"...

אויב דער טעאָרעטיקער נאַדעזשדע רעדט מיט אַזאַ ציניזם שפּראַך קעגן ייִדישע סאָציאַליסטן, מעג זיך שוין דערלויבן דער פּראַקטיקער דיאַמאַנדי[12] צו רעדן גאָר אָפֿן. די טוערס פֿון דער „לומינאַ" רופֿט ער אָן „שאָוויניסטן" און „מאַקאַבייער"; עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיט דעם נאָמען „מאַקאַבייער" האָט ער ניט בדעה אָנצוווײַזן אויף דעם העלדישן קאַפּיטל אין דער ייִדישער געשיכטע, נאָר גלאַט חוזק צו מאַכן פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן אין אַן אַנטיסעמיטישן טאָן. ווײַטער קומט ער אַרויס מיט אַ בילבול, אַז אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון די פּאַרטיי-מיטגלידער אין יאַס האָבן די „לומיניסטן" געשריגן „נידער מיט רומעניע!" און „נידער מיט די רומענער!"[13] אין דער „לומעאַ נאָואַ" פֿונעם 12טן אָקטאָבער 1895 (איבערגעגעבן אין נאָוועמבער-נומער פֿון „לומינאַ") שרײַבט דיאַמאַנדי אַזוי:

„ס'איז בשום אופֿן נישט מעגלעך, ס'איז פּשוטע משוגעת צו גלייבן, אַז די ייִדן, אויפֿבויענדיק אַן אייגענע פּאַרטיי, וועלן זיך קענען דערשלאָגן צו פּאָליטישע רעכט בײַ אונדז אין לאַנד... אַזאַ מין קליקע מיט שאָוויניסטישע השגות וועט אויפֿרייצן קעגן זיך אַלע אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען".

און ווײַטער:

„אַזוי ווי מיר פֿאָדערן פֿון דער רעגירונג, אַז זי זאָל וואָס שאַרפֿער טרעפֿן די שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן פֿון רוסלאַנד, פּונקט אַזוי וועלן מיר אויך פֿאָדערן, אַז עס זאָלן באַשטראָפֿט ווערן אַלע יענע, וואָס מאַכן קאָמפּלאָטן קעגן רומענישן פֿאָלק"...

אויף קיין איינעם פֿון די דאָזיקע מיאוסע אַטאַקעס בלייבט די „לומינאַ" נישט שולדיק קיין געהעריקן ענטפֿער, אָבער זי שטײַגט נישט אַראָפּ אין זומפּ פֿון גראָביאַנגישע זידלערײַען; אירע ענטפֿערס זײַנען שאַרף, אָבער ערנסט און זאַכלעך.

דער אינעווייניקסטער פּאַרטייקאַמף פֿון יענער צײַט מוז אויף יעדן איבערלאָזן דעם שווערסטן אײַנדרוק. אָנגענעם פֿאַרחידושט ווערט מען אָבער פֿון דער סאָציאַליסטישער אויפֿקלערונגס-אַרבעט, וואָס די קליינע גרופּע ייִדישע סאָציאַליסטן האָט אויפֿגעטאָן דורכן זשורנאַל „לומינאַ". ס'איז הײַנט נישט קיין גרינגע זאַך פֿעסטצושטעלן די מחברים פֿון די אַרטיקלען, וואָס זענען זעלטן ווען אונטערגעשריבן מיטן פֿולן נאָמען (דאָס רובֿ געחתמעט מיט ראָשי-תּיבֿות אָדער מיט פּסעוודאָנימען), אָבער מען דערקענט פֿאָרט די פּאָפּולערע און דערבײַ טעאָרעטיש וואָגיקע אַרטיקלען פֿון לעאָן געלערטער אוןמאַקס וועקסלער און די שאַרפֿע לײַדנשאַפֿטלעכע פּעדער פֿון ל. געלערטער אויך דעמאָלט, ווען עס פֿעלן זייערע נעמען אונטער די איינצלנע אַרטיקלען, בשעת דער יונגער, טאַלענטפֿולער זשורנאַליסט ברוינשטיין האָט זײַנע פּאָלעמישע אַרטיקלען דאָס רובֿ אונטערגעשריבן מיטן פֿולן נאָמען. אַגבֿ באַמערקט, צייכענען זיך אויס די

[12] Diamandi.

[13] יאָסער ייִדישע סאָציאַליסטן פֿון עלטערן דור געדענקען גאַנץ גוט דעם טרויעריקן אינצידענט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון פּאַרטיי-מיטגלידער, פֿון וועלכן ס'איז דערנאָך אַרויסגעקומען דער דאָזיקער שענדלעכער בילבול אויף די ייִדישע סאָציאַליסטן. אויף יענער פֿאַרזאַמלונג זענען די אָפֿיציעלע רעדנער אָנגעפֿאַלן מיט אַ ווילדער אַנטיסעמיטישער העצע אויף די „לומיניסטן". אונטער דער ווירקונג פֿון די דאָזיקע רעדעס האָבן פּלוצים עטלעכע קריסטלעכע אַרבעטער אָנגעהויבן שרײַען (יש אומרים, אַז צווישן זיי איז געווען אויך אַ מיטגליד פֿונעם עקזעקוטיוו-קאָמיטעט): „נידער מיט די זשידאַנעס!" און „אַרויס מיט די זשידאַנעס!" דער אײַנדרוק אין שטאָט נאָך דעם אינצידענט איז געווען זייער אַ פּײַנלעכער, חוץ די פּאַרטיי-פֿירערס האָבן געפּרוּווט אָפּלייקענען דעם פֿאַקט.

דאָזיקע אַרטיקלען ספּעציעל מיט זייערע ציטאַטן פֿון דער נײַסטער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור (געווען דעמאָלט די צײַט פֿון דער ערפֿורטער פּראָגראַם) און מיט זייערע לאָגישע אויספֿירן. ווען מען קוקט איבער הײַנט, נאָך פֿיר צענדליגע יאָר, דעם קאָמפּלעקט „לומינאַ“, פֿאַרשטייט מען, אַז דער זשורנאַל האָט געמוזט אַרויסרופֿן דעם וואַרעמסטן אָפּקלאַנג בײַ דער יִדישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ: אין דער אָנגעלאָדענער אַטמאָספֿער פֿון צינישע עם-הארצישע זידלערײַען — אַן ערנסטע, ווערדיקע סאָציאַליסטישע קאָמפּשריפֿט.

אויף וויפֿל ס'איז באַקאַנט, האָבן זיך אין יאָס געפֿונען נאָר עטלעכע געציילטע פּאַרטיידיקער פֿון דער „בוקאַרעשטער ליניע“. איינער צווישן זיי, דער סטודענט גליקסמאַן, האָט אַפֿילו געפּרוווט אַרויסגעבן אַ זשורנאַל קעגן דער „לומינאַ“ און האָט אים אַ נאָמען געגעבן „לומינאַ בענגאַלאַ“ („בענגאַליש ליכט“). אָבער אַזעלכע שטימען האָט מען אין יאָס נישט געקענט און נישט געוואָלט הערן — מער ווי איין איינציקער נומער פֿון דעם זשורנאַל (אַפּריל 1896) איז ניט אַרויס. ס'איז כּדאַי צו באַמערקן בײַ דער געלעגנהייט, אַז דער רעדאַקטאָר איז טאַקע דערגאַנגען ביזן סוף אין דער אַסימילאַטאָרישער קאַריערע, אויף וועלכער ער האָט זיך געריסן: ער האָט זיך געשמדט און איז שפּעטער געוואָרן אַ באַוווּסטער זשורנאַליסט אין דער רומענישער פּרעסע, אונטערן פּסעוודאָנים „דאָקטאָר אי-גרעק“.

אינטערעסאַנט איז די שטעלונג פֿון די יונגע יאָסער יִדישע סאָציאַליסטן צו יִדישע פּראָבלעמען אין יענער צײַט, נאָך איידער עס האָבן עקסיסטירט אויסגעאַרבעטע פּראָגראַמען און פֿאָרמולירטע שטאַנדפּונקטן אויף דעם געביט אין אַנדערע לענדער מיט גרעסערע יִדישע קיבוצים. אַזוי, זאָגט זיך אַרויס די גרופּע מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט קעגן ציוניזם. כאַראַקטעריסטיש איז אויך די שטעלונג צו דער שמד-מגיפֿה. אַן אַרטיקל, וואָס איז געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים „אַן אַטעיִסט“, רופֿט צו „פֿאַראַכטונג פֿון די רענעגאַטן“. אַסימילאַציע און שמד זענען אין יענע יאָרן זייער רעקאָמענדירט געוואָרן פֿון רומענער, וואָס זײַנען געווען דווקא פֿרײַנדלעך צו יִדן, ווי דאָס איינציקע מיטל צו פֿאַרענטפֿערן די יִדן-פֿראַגע: זאָלן, הייסט עס, די יִדן מוחל זײַן זיך אָפּשמדן, דעמאָלט וועלן זיי באַקומען בירגעררעכט. מיט איינעם אַזאַ ראַדיקאַלן פּאָליטיקער — פּראָפֿעסאָר באַדאַראַו[14] — אַגבֿ אַ באַוווּסטער נאָמען אין דער פּאָליטישער געשיכטע פֿון רומעניע — פּאָלעמיזירט מאַקס וועקסלער אין אַ לענגערן אַרטיקל, אין וועלכן ער באַטראַכט די פֿראַגע פֿון אַסימילאַציע און שמד אין שײַן פֿון מאַרקסיסטישער קריטיק:

„איך שטעל זיך נישט אַנטקעגן דער אַסימילאַציע: איך וואָלט פֿאַרקערט גערן רעקאָמענדירט, אַז פֿעלקער זאָלן זיך אַסימילירן און צונויפֿגיסן. עס וואָלט זייער שיין געווען, ווען עס זאָל אויף דעם אופֿן נעמען אַ סוף צו דער שנאה צווישן דער רומענישער און יִדישער נאַציע; עס וואָלט גוט געווען, אַז די זעלביקע מנהגים, די זעלביקע שפּראַך, די זעלביקע אידעאַלן זאָלן פֿאַראייניקן ביידע פֿעלקער. אָבער צום באַדויערן האָבן זיך די נאַציעס זייער אייגענע אָרגאַנישע אַנטוויקלונג, וועלכע לאָזט זיך ניט בײַטן לויטן גוטן ווילן פֿון איין צד, אָדער לויטן שלעכטן ווילן פֿון אַן אַנדערן צד. פֿאָדערן פֿון אַ נאַציע זיך צו אַסימילירן הייסט שטערן דער פֿרײַהייט פֿון איר אַנטוויקלונג“.

דער אַרטיקל שטעמפּלט אַלס „פֿאַררעטער“ אַלע יענע, וואָס פֿאַרלאָזן זייער נאַציע „גראָד דעמאָלט, ווען זי ווערט גערודפֿט“, און קומט צום אויספֿיר:

„ניט פּאַלעסטינע איז מײַן פֿאָטערלאַנד, נאָר רומעניע; ניט די ביבל און תּלמוד זענען מײַן גלויבן — איך בין אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, אַ מאַרקסיסט. אָבער היות ווי איך טראָג דעם איינעם גורל, ווי יענע נאַציע, פֿון וועלכער איך קום אַרויס, היות ווי איך

---

14 Bădărau.

בין צוזאַמען מיט מײַן פֿאָלק געשטעלט אין דער זעלביקער אויסנאַם-פּאָזיציע, פֿיל איך זיך סאָלידאַריש מיט מײַן פֿאָלק און איך וועל תּמיד שטיין אויף זײַן זײַט. איך פֿיל אין זיך דעם חובֿ צו זאָגן: איך בין אויך אַ ייִד!"

איין מאָל איז די רעדאַקציע מכניס-אורח אַן אַרטיקל פֿון ד"ר ק. ליפּע, אַ באַקאַנטן חובֿבֿ-ציון, שפּעטער אַ הערצל-ציוניסט, זייער אַ פּאָפּולערער פֿאָלקסמענטש אין יאַס, וועלכער פּרעדיקט אַ ייִדישן רעליגיעז-מאָראַלישן סאָציאַליזם מיט ראַיות פֿון דער תּורה; די רעדאַקציע גיט צו פֿון זיך אַ באַמערקונג, אַז זי איז נישט מסכּים מיט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט.

אין דער פֿראַגע פֿון אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי פֿאָדערט די גרופּע אַ „טאַקטיק לויט נאַציעס", און שוין אין ערשטן נומער פֿון דער „לומינאַ" פֿאַרטײַטשט ל. ג. (געלערטער?) דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט אין אַ לענגערן אַרטיקל, אין וועלכן עס ווערט אָנגעוויזן, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג מוז זיך שטיצן אויף דער שטאָטישער אַרבעטערשאַפֿט. אין מאָלדאַווער געגנט איז די מערהייט פֿון דער שטאָטישער אַרבעטערשאַפֿט אַ ייִדישע, מוז מען זאַמלען די רומענישע און די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט אין באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס:

> „דערצווינגען אין באַזונדערע לאַגערן, וועלן די ייִדישע און די רומענישע אַרבעטער לײַכטער דערגרייכן די פֿולע פֿאַרברידערונג זייערע, ווען זיי וועלן, אין פֿולן באַוווסטזײַן פֿון זייער אינטערנאַציאָנאַלער מיסיע, אַרײַנגעצויגן ווערן אין דער באַוועגונג... די באַפֿרײַונג פֿון אַ נאַציע קאָן נישט דורכגעפֿירט ווערן דעמאָלט, ווען זי אַליין שלאָפֿט און רירט זיך נישט. ס'איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, אַז אין קאַמף פֿאַר פּאָליטישער באַפֿרײַונג, אין קאַמף פֿאַרן אָפּשאַפֿן די עקאָנאָמישע אונטערדריקונג מוזן זיך גרופּירן יענע טיילן פֿון פּראָלעטאַריאַט, וואָס רעדן באַזונדערע שפּראַכן, אין באַזונדערע גרופּעס".

די „טאַקטיק לויט נאַציעס" ווערט אַרומגערעדט אין זשורנאַל אויך פֿון „גענטיליס" (מאַקס וועקסלער), וועלכער שרײַבט (סעפּטעמבער 1895):

> „אַן אַנדער שפּראַך איז עס, אויף וועלכער מיר דאַרפֿן רעדן צום רומענישן שטאָטישן אַרבעטער, און אַן אַנדערע, אויף וועלכער מיר רעדן צום פּויער, און ענדלעך איז עס אַ גאַנץ אַנדער שפּראַך, וועלכע עס פֿאַרשטייט דער ייִד... אונדזער פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן דאַרף זײַן אויפֿגעבויט אויף „נאַציאָנאַלער טאַקטיק"; מען וועט מוזן צולאָזן אויפֿבויען אין דער פּאַרטיי ספּעציעלע קלובן פֿאַר ייִדישע אַרבעטער, סעקציעס וכדומה".

ווי מען זעט פֿון די געבראַכטע ציטאַטן, האָבן די „לומיניסטן" אין די פּראָגראַם-פֿראַגן און אַפֿילו אין דער פֿראַגע פֿון אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאָרמען אָנגענומען די זעלביקע פּלאַטפֿאָרמע ווי דער „בונד", נאָך איידער דער „בונד" אין רוסלאַנד האָט זיך געגרינדעט. דאָס באַווײַזט, אַז די דאָזיקע אידעען זענען אַזוי צו זאָגן „געלעגן אין דער לופֿט" אויך מחוץ די גרענעצן פֿון רוסלאַנד, דאָרט וווּ עס האָבן געלעבט ייִדישע מאַסן. ס'איז אָבער אויך קיין ספֿק נישט, אַז עס האָט נישט געפֿעלט דער גײַסטיקער אײַנפֿלוס פֿון די ייִדישע אַרבעטער-צענטערס אין אַנדערע לענדער אויף דער יונגער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רומעניע, ספּעציעל דער אײַנפֿלוס פֿון שכנותדיקן רוסלאַנד ערבֿ דער גרינדונג פֿון „בונד". קיין ענגערער קאָנטאַקט מיט די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס פֿון רוסלאַנד האָט אָבער נישט עקסיסטירט, דאָס באַשטעטיקן די לעבעדיקע עדות פֿון יענער צײַט, וועלכע דערמאָנען זיך נאָר, אַז זיי האָבן געהאָלפֿן שמוגלען סאָציאַליסטישע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד און אַז זיי האָבן פֿאַרשפּרייט ייִדישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס פֿון אויסלאַנד. אין אַ דין-וחשבון וועגן דער טעטיקייט פֿאַר די חדשים מאַי און יוני 1895 גיט איבער די „לומינאַ", אַז די יאַסער אָרגאַניזאַציע האָט פֿאַרשפּרייט 2267 בראָשורן, צווישן זיי 199 אין „זשאַרגאָן", און 699 צײַטונגען, צווישן זיי 200 נומערן פֿון דער לעמבערגער „זשאַרגאָנישער" האַלבמאָנאַטלעכער צײַטשריפֿט „דער

אַרבייטער". מיט גרויס באַפֿרידיקונג ברענגט די „לומינאַ" (אויגוסט 1895) אַ קאָרעספּאָנ-דענץ פֿון לעמבערג, געשריבן פֿון איינעם יוסף שטײַג, אין וועלכער ער דערציילט, אַז דער קאָנגרעס פֿון דער עסטרײַכישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט אָנערקענט די ייִדישע צײַטשריפֿט „דער אַרבייטער" אַלס פּאַרטיי-אָרגאַן. דער סעפּטעמבער-נומער פֿון „לומינאַ" פֿון דעם יאָר (1895) ברענגט אַ לאַנגן בריוו פֿון אַ ייִדישן סאָציאַליסט אין רוסלאַנד, וועגן וועלכן די רעדאַקציע שרײַבט אין אַן אויספֿירלעכער הקדמה, אַז דאָס איז „איינער פֿון די אַקטיוווסטע טוערס פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד" — און דאָס פֿילט מען אויך פֿונעם אינהאַלט פֿון דעם בריוו גופֿא (דעם נאָמען פֿון דעם מחבר האָב איך נישט געקענט דערגיין. — י. ק.). אין דעם בריוו ווערט צווישן אַנדערע זאַכן געזאָגט:

„פֿאַר אונדז איז די פֿראַגע, אין וועלכער שפּראַך צו פֿירן די פּראָפּאַגאַנדע, נישט קיין פּרינציפּיעלע, נישט קיין טעאָרעטישע פֿראַגע. פּונקט ווי דער אַלטער ייִדישער רבינו של עולם דערלאָזט, אַז מען זאָל צו אים מתפּלל זײַן און זיך צו אים ווענדן אין וועלכער ס'איז שפּראַך, וואָס אַ מענטש שלעכט באַשעפֿעניש פֿאַרשטייט,[14] אַבי דער מענטש זאָל נאָר זײַן דורכגעדרונגען מיטן אינהאַלט פֿון דער תּפֿילה, אַזוי אַרט אויך נישט דעם נײַעם גאָט פֿונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, דעם סאָציאַליזם, אין וועלכער שפּראַך און אין וועלכער פֿאָרם מען ווערט פֿון אים דורכגעדרונגען, און ער פֿאָדערט נאָר, אַז דער אַרבעטער זאָל אויפֿנעמען אין זיך זײַן גײַסט".

דער מחבר שטרײַכט אונטער די נייטיקייט אַרײַנצוטראָגן די פּראָפּאַגאַנדע אין די ברייטע מאַסן און דערציילט, אַז די אַרבעט, וואָס איז געפֿירט געוואָרן ביז נישט לאַנג אין רוסלאַנד, האָט אַרויסגעבראַכט איינצלנע פּראָפּאַגאַנדיסטן, אָבער די איינצלנע וואַרפֿן זיך דער מאַכט אין די אויגן, אין מאָמענטן פֿון קאַמף ווערן זיי אָדער אַרעסטירט אָדער געזוכט, זיי מוזן זיך אויסבאַהאַלטן און ווערן פּאַסיוו. אַזוי בלײַבט די מאַסע אין מאָמענטן פֿון קאַמף אָן פֿירערס. איז פֿאַראַן בכן נאָר איין וועג: מאַסן-פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, און במילא נאָר איין מיטל: „זשאַרגאָן". און דער שרײַבער פֿאַרענדיקט פֿול האָפֿענונג:

„הײַנט קענען מיר מיט רעכט זאָגן, אַז די צײַט איז נישט מער ווײַט, ווען דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד וועט ווערן אַ מאַכט און וועט שפּילן אַ וויכטיקע היסטאָרישע ראָלע אין דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע".

„פּראָפּאַגאַנדע אין זשאַרגאָן" – ווערט דער לאָזונג פֿון טאָג בײַ די „לומיניסטן". אין די באַריכטן וועגן פֿאַרזאַמלונגען אין יאַס און אין אַנדערע שטעט ווערט אַלץ אָפֿטער אונטערגעשטראָכן בײַ איינצלנע רעדנער, אַז זיי האָבן גערעדט „זשאַרגאָן". אָבער מיט ייִדישע רעדעס אַליין ווילן זיך די טוערס פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין רומעניע נישט צופֿרידן שטעלן, און דער „לומינאַ" נעמען זיך באַווײַזן כּסדר אַרטיקלען וועגן דעם, אַז ס'איז נייטיק אַ צײַטונג אין „זשאַרגאָן".

דאָ איז דער אָרט צו באַמערקן, אַז די פֿראַגע וועגן אַ ייִדישער סאָציאַליסטישער צײַטונג איז דעמאָלט ניט געווען קיין נײַע. זי איז דיסקוטירט געוואָרן אין דער פּאַרטיי-אָנפֿירונג נאָך מיט יאָרן צוריק, איידער עס האָט זיך געשאַפֿן די באַזונדערע אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן אין יאַס. אויפֿן צווייטן קאָנגרעס פֿון דער רומענישער ס"ד פּאַרטיי (אַפּריל 1894) איז אַפֿילו באַהאַנדלט געוואָרן דער פֿאָרשלאָג פֿונעם ייִדישן דעלעגאַט פֿ ע נ ע ס ט ע ר צו שאַפֿן אַ פּאַרטיי-אָרגאַן אין „ייִדישן זשאַרגאָן". דער דאָזיקער פֿאָרשלאָג איז דעמאָלט איינשטימיק אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן איבער מאַטעריעלע טעמים. די דיסקוסיע באַווײַזט, אַז אין דער ס"ד פּאַרטיי האָט זיך שטאַרק געפֿילט די נייטיקייט פֿון אַ ייִדישן אָרגאַן—קענטיק, אַז די צאָל ייִדיש-ריידנדיקע פּאַרטיי-מיטגלידער איז שוין דעמאָלט

---

14 ווערט געמיינט דער מאמר „שמע בכל לשון שאתה שומע".

געוועזן אַ גרויסע. אין דער דיסקוסיע האָט איין רעדנער פֿאָרגעלייגט, אַז היות ווי ס'איז נאָך נישט מעגלעך אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלע ייִדישע צײַטונג, זאָל מען דערווײַל דרוקן אַלע וויכטיקערע מאַניפֿעסטן פֿון דער פּאַרטיי אויך „אויף זשאַרגאָן". בתשובֿה דערויף האָבן די פֿירערס מאַרצון און נאַדעזשדע אָנגעוויזן, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אַרבעטער אויך פֿון אַנדערע נאַציעס (ספּעציעל דײַטשן און אונגאַרן), וועלכע וואָלטן זיך אויך געניטיקט אין צײַטונגען אויף זייערע שפּראַכן. דער ייִדישער סאָציאַליסט כטענקאַ, וועגן וועלכן מיר האָבן אויבן געשריבן, האָט געפֿונען, אַז דערווײַל „פֿעלן נאָך מענטשן מיט דער געהעריקער בילדונג, וואָס וואָלטן געקענט שרײַבן אויף זשאַרגאָן", ער רעקאָמענדירט דעריבער אײַנצופֿירן די „זייער גוט רעדאַקטירטע" אַמעריקאַנער זשורנאַלן „צוקונפֿט" און „אַרבייטער צײַטונג". אָפּוואַרפֿנדיק דעם פֿאָרשלאָג וועגן גרינדן אַ ייִדישע צײַטונג האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן פֿון סטענקאָ, אין וועלכער די ייִדישע אַרבעטער ווערן גערופֿן „זיך צו לערנען רומעניש," אויב אָבער זיי קענען זיך פֿאָרט רומעניש ניט אויסלערנען, זאָלן זיי אויסשרײַבן צײַטונגען און זשורנאַלן פֿון אויסלאַנד.

מיט 3 יאָר שפּעטער האָט זיך אָבער פֿאַר די יאַסער לומיניסטן פֿיל שאַרפֿער געשטעלט די דאָזיקע פֿראַגע; אַ ייִדישע צײַטונג איז געוואָרן אַ לעבנס-פֿראַגע פֿאַר דער ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. צוויי שווערע מניעות שטעלן זיך קעגן דעם פּלאַן: די ערשטע איז די געלטפֿראַגע; אַרויסגעבן אַ ייִדישע צײַטונג הייסט פֿאַר דער שוואַכער אָרגאַניזאַציע אויסהאַלטן צוויי צײַטונגען, וואָרעם וועגן אָפּזאָגן זיך פֿון דער רומענישער „לומינאַ" האָט מען דעמאָלט נישט געקענט טראַכטן: זי פֿירט דאָך אָן דעם קאַמף מיטן אָפֿיציעלן פּאַרטיי-צענטער, און מיט אַ שטענדיק וואַקסנדיקן ערפֿאָלג. נאָר דורך דער רומענישער צײַטונג קאָן מען שטאַרקן דעם מאָראַלישן כּוח פֿון די אינטעליגענטן, וואָס אַרבעטן אין דער אָרגאַניזאַציע, פֿאַרטיפֿן בײַ זיי די איבערצײַגונג, אַז מען קעמפֿט פֿאַר אַ גערעכטער זאַך, ווירקן אויף דער ברייטער עפֿנטלעכקייט בכלל און געווינען פֿאַר דער באַוועגונג נײַע אינטעליגענטע כּוחות. די צווייטע מניעה איז געווען דער לשון גופֿא. ווער זאָל עס שרײַבן אין דער ייִדישער צײַטונג? אין די אָפֿטע אַרטיקלען אין „לומינאַ" וועגן דער נייטיקייט פֿון אַ ייִדישן אָרגאַן חזרט זיך שטענדיק איבער די פֿאַרדראָסיקע פֿעסטשטעלונג: „מיר האָבן פֿאַרגעסן דעם זשאַרגאָן פֿון אונדזערע יוגנט-יאָרן".

אָבער דער פּלאַן וועגן אַ ייִדישער צײַטונג גייט דאָך נישט אַראָפּ פֿון טאָג-אָרדענונג, און ענדלעך ברענגט די „לומינאַ" דעם 1טן מאַי 1896 אַ באַגײַסטערטן אַרטיקל פֿון ל. געלערטער, אין וועלכן עס ווערט באַגריסט דאָס דערשײַנען פֿונעם נײַעם ייִדישן אָרגאַן, און דעם זעלביקן טאָג שרײַט אויס דאָס נײַ-געבוירענע קינד אויף ייִדיש: „דער וועקקער איז דאָ!".

די ביידע אויבן דערמאָנטע מניעות האָט די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע גובֿר געווען. וואָס איז שייך דעם לשון, האָט מען זיך געהאָלפֿן אויף אַ פּשוטן אופֿן: מען האָט געפֿונען אַ שרײַבער, וואָס האָט נישט פֿאַרגעסן „דעם זשאַרגאָן פֿון די יוגנטיאָרן" — דאָס איז געווען אַ העברעיִש-ייִדישער לערער מיטן נאָמען העלמאַן; די רעדאַקטאָרן זענען געווען די אייגענע, וואָס פֿון דער „לומינאַ", דער עיקר געלערטער, געלער און וועקסלער. העלמאַן האָט געהאַט די אויפֿגאַבע צו איבערזעצן זייערע רומעניש אָדער דײַטש געשריבענע אַרטיקלען, אָדער צו פֿאַרריכטן זייער שפּראַך, ווען זיי האָבן שפּעטער אָנגעהויבן ביסלעכווײַז צו שרײַבן ייִדיש. העלמאַן גופֿא איז נישט געשטאַנען אין דער באַוועגונג, ער האָט אָבער ליב געהאַט זײַן אַרבעט, בפֿרט אַז אָפֿטמאָל האָט ער נאָך געהאַט די געלעגנהייט צו שרײַבן און צו דרוקן אויך אַ שטיקל אייגענע „הויכע פּאָעזיע". נאָך הײַנטיקן טאָג האָט דער 80-יאָריקער העלמאַן אין זיכּרון זײַן דעמאָלטיקע מיטאַרבעט און מיט התפּעלות רעדט ער נאָך איצט דערפֿון, אַז די שרײַבערס זײַנע

זענען געוועזן „גרויסע סאָציאַליסטן, אָבער נאָך גרעסערע גויִים”... וואָס איז שייך דער מאַטעריעלער מניעה פון באַשאַפן זיך מיט אַ צווייטער צייַטונג, האָט מען זיך געהאָלפן אויף אַ ראַדיקאַלן אופן: די רומענישע צייַטונג „לומינאַ” איז מיט אַ קורצער צייַט שפּעטער פשוט אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין דער ביבליאָטעק פון יאַסער אוניווערסיטעט פאַרענדיקט זיך די קאָלעקציע „לומינאַ” מיטן נר׳ 17, פונם 12טן יולי 1896, אין קאַטאַלאָג פון דער רומענישער אַקאַדעמיע איז אָבער פאַרצייכנט, אַז דער זשורנאַל איז אַרויסגעגאַנגען ביזן 15טן אָקטאָבער 1897. בכל אופן האָט דערשייַנט ביז אָט דער צייַט אַ קליינע צאָל נומערן, ווייַל לויטן קאַטאַלאָג פון דער רומענישער אַקאַדעמיע זענען אין גאַנצן אַרויסגעגאַנגען 27 נומערן.

## IV. „דער וועקקער”

פונוואַנען נעמט זיך אָט דער שלאָגערדיקער, וועקנדיקער נאָמען פאַר דער סאָציאַליסטישער צייַטונג? — די לעבעדיקע עדות פון יענער צייַט זענען איבערצייַגט, אַז דער נאָמען איז זייערער אַ היימישער, געבוירן בייַ זיי אָן אַ שום אויסלענדישן אייַנפלוס. אַזוי ווי צווישן דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, וואָס פלעגט אַריבערגעשמוגלט ווערן קיין רוסלאַנד, האָט זיך אויך געפונען דער יאַסער „וועקקער”, האַלטן זיי פאַר מעגלעך, אַז דער נאָמען איז אין רוסלאַנד אַזוי געפעלן, אַז דער „ברעשטער-בונד” האָט אים שפּעטער אַפילו איבערגענומען פאַר זייַן אויסגאַבע. מעגלעך איז, פאַרשטייט זיך, אַן אַנדער סברה: אַ גלייַכע פּרינציפּיעלע און טאַקטישע פּלאַטפאָרם האָט זיך אויסגעפורעמט אין די יידישע אַרבעטער-צענטערס פון פאַרשיידענע לענדער אין יענער צייַט, און עס האָט געקענט געבוירן ווערן דער גלייַכער צייַטונגס-נאָמען אין צוויי לענדער באַזונדער, אומאָפּהענגיק איינער פונעם צווייטן.

ווי ס׳זאָל נישט זייַן, די יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע פון רומעניע האָט אָנגעהויבן זאָגן איר וואָרט צו די מאַסן דורך די שפּאַלטן פון אַ יידישן „וועקקער”. דעם 1טן מאַי (לויט דעם דעמאָלט הערשנדיקן פּראַוואָסלאַווונעם קאַלענדאַר: 19טן אַפּריל) 1896 האָט זיך באַוויזן דער ערשטער נומער. אין אַ באַגייַסטערטן אַרטיקל ווערט אָנגעוויזן דער וועג, אויף וועלכן עס נעמט גיין די צייַטונג:

„נישט פאַר דיא רייַכע, נישט פאַר דיא געזעטיגטע נגידים, נישט פאַר יענע וואָס האָבן געטנוג מיטעל זיך און זייערע קינדער אויסצובילדען, זאָנדערן אַן אייַך, יודישע אַרבייטער! איהר, וואָס טראָגט פון דור דורות דיא קעטטען דער אַרמוטה און נאָטה, אַן אייַך וועגדעט זיך דער וועקקער, אייַערע צרות און אייַערע טרויעריגע לאַגע וויל ער בעשרייַבען, אום אייַך געדעכטיגקייט צו פערשאַפען, ווייל ער זייַנע שטימע ערהעבען. אונד דיא איהר אייַך פון דער קנעכטשאַפט בעפרייַען קענט, וויל ער אייַך דעם וועג צייַגען”.

אין קורצע שטריכן ווערט באַלויכטן אין אָט דעם אַרייַנפיר די קלאַסן-צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט, עס ווערט געשילדערט דער גרויסער כוח פון אַרבעטער-קלאַס, אילוסטרירט מיט די באַוווסטע פערזן פונעם דייַטשן דיכטער הערוועג:

„אַללע רעדער בלייַבען שטילל,

„ווענן דייַן שטאַרקער אַרם עס ווילל”.

די יידישע אַרבעטער ווערן גערופן „אויף מיט אַללע אַנדערע אַרבייטער אָהנע אונטערשייד פאָן רעליגיאָן און נאַציאָנאַליטעט זיך צו פעראייניגען”. עס ווערט אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט אויפצובויען עקאָנאָמישע (פּראָפעסיאָנעלע) פאַראיינען און מיטן רוף צום פּאָליטישן קאַמף פאַרענדיקט דער אַרטיקל:

„דער וועקקער רופט אייַך יודישע אַרבייטער צום פּאָליטישן קאַמפף. איהר וואָס זענט געבוירען און ערצויגען אין ראָמעניע, וואָס צאַהלט מס, וואָס מאַכט מיליטער, איהר

„האָט אין דעם לאַנד קיין שום רעכט, איהר ווערט בעטראַכטעט אַלס פֿרעמדע. יעדער קלענסטע עפּ-סטאַט אונטערדריקט און פֿעפֿאָלגט אײַך. אום אײַך אויס דיעזער טרויריגער לאַגע צו בעפֿרײַען, מוזט איהר קעמפּפֿען מיט אַללער מאַכט פֿיר דיא פּאָליטישע גלײַכהייט מיט דיא ראָמענישע אײַנוואָהנער פֿון דעם לאַנד. איהר מוזט פֿאָרדערן פּאָליטישע רעכטע פֿיר דאָס אונטערדריקטע יודישע פֿאָלק. פּאָליטישע רעכטע וועלן זײַן פֿיר אײַך דאָס שטאַרקסטע געוועהר אין דעם קאַמפּפֿע צור פֿערבעססערונג אײַערער לאַגע. ערוואַכט, אַרבייטער! זאַממעלט אײַך אַללע אום די פֿאַהנע דער אויפֿקלערונג, פֿרײַהייט, גלײַכהייט אין ברודערלעכקייט, דיא דער וועקקער אויסברייטעט“.

פֿון די געבראַכטע ציטאַטעס איז צו זען אין דער ערשטער ריי, אַז דער איבער-זעצער און קאָרעקטאָר העלמאַן איז ווײַט נישט געשטאַנען אויף דער הייך פֿון זײַן מיסיע. דער ערשטער נומער איז באַצירט מיט זײַנס אַ „פּאָעטיש“ ליד, וואָס טראָגט אַ העברעיִש קעפּל „רכב וצלח“ און ווו ער באַזינגט דאָס דערשײַנען פֿונעם „וועקקער“ מיט די ווערטער:

„דער וועקקער האָט דאָס ליכט ערבליקקט,
ער קעמפּפֿט פֿיר דען, וואָס איז בעדריקקט...“

געשריבן איז די דאָזיקע פּאָעזיע אין דער פֿאָרם פֿון אַן „אַקראָסטיכאָן“: די אָנהייב-אותיות פֿון אַלע פֿערזן שטעלן צוזאַמען דעם נאָמען פֿון דער צײַטונג „דער וועקקער“.

אָבער אויך אין אַנדערע לענדער האָבן זיך די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַנען פֿון יענער צײַט נישט אויסגעצייכנט מיט אַ צו ריינעם ייִדישן לשון, און די געשיכטע וועט מוחל זײַן דער ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין רומעניע דעם ייִדיש-דײַטשן „זשאַר-גאָן“ פֿון איר ערשטער צײַטונג. דער עיקר איז, אַז די צײַטונג האָט אָנגעהויבן אַרײַנ-דרינגען אין די טיפֿסטע שיכטן פֿונעם ייִדישן אַרבעטער-קלאַס, אַז זי איז געווען אַן אמתדיקע „פֿאָהנע פֿון אויפֿקלערונג“, ווי זי האָט צוגעזאָגט אין איר ערשטן פּראָגראַם-אַרטיקל, און אַז דער לעבעדיקער קאַמפֿגײַסט, וואָס האָט געבליצט פֿון אירע שפּאַלטן, האָט אָנגעצונדן די מאַסע פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט. אין אַ קורצן אויפֿרוף שרײַבט די רעדאַקציע:

„חבֿרים! ווען איהר האָט זיך צו קלאָגען געגען עמיצען, וועלכער בעדריקט אײַך, אַז איהר ווערט וועללען וואַזין דער וועלט, וואָס פֿאַר אַ בעהאַנדלונג מי גיט אײַך, קומטס צו אונז, האָט צוטרויען אין „דעם וועקקער“. מיר וועללען אין אונזער בלאַטט גיטרייא אַללעס פּובליצירען און אַללע פֿאַרברעכען אײַערער פּײַניגער געגען אײַך מיט דעם פֿאַע-רינען אײַזען דער גערעכטיקייט שטעמפּעלן.“

און זיי זענען געקומען און האָבן צוטרוי געהאַט. שוין אין ערשטן נומער שיל-דערט דער „וועקקער“ די שרעקלעכע אַרבעט-באַדינגונגען, וואָס האָבן געהערשט בײַ אַ געוויסן מצה-בעקער אין יאַס, ווו מען האָט געאַרבעט 22 שעה אין מעת-לעת. דער אַרטיקל דערמאָנט דעם אַנטיסעמיטישן בלוט-בילבול וועגן פּסח און זאָגט, אַז די מצות זענען „ריכטיק פֿערקנעטעט מיט בלוט, אָבער נישט ח"ו קריסטליך בלוט, ס'איז פּשוט פֿערקנעטען מיט בלוט פֿאָן דיא אונגליקליכע אָרמע פֿערלוירענע יודישע מצה בעקער געהילפֿען“.

אַלץ אָפֿטער קומען אַרבעטער מיט זייערע טאָג-טעגלעכע צרות צום „וועקקער“. פֿאַר די באַדינגונגען, בײַ וועלכע עס האָבן געאַרבעט אין יענער צײַט די ייִדישע אַרבע-טער אין רומעניע, איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דאָס רובֿ קלאָגן זיך די בריוושרײַבער, אַז מען בלײַבט זיי שולדיק דעם לוין, אָפֿטמאָל — אַז אָנשטאָט שכירות באַקומען זיי פֿונעם אַרבעטגעבער קלעפּ. אַזעלכע בריוו קומען נישט בלויז פֿון יאַס, נאָר אויך פֿון פֿאַרשיי-דענע פּראָווינצשטעט, ווי באָטאָשאַן, פֿאָקשאַן, באַקאָו א"אַ.

די פֿאַרשפּרייטונג פֿונעם „וועקקער“ איבערן לאַנד, זײַן ענגער קאָנטאַקט מיט דער אַרבעטער-מאַסע פֿון אַלע שטעט און שטעטלעך אין מאָלדאַווער געגנט קומט דײַטלעך

צום אויסדרוק אין באַגײַסטערטע בריוו פֿון אַלע עקן לאַנד. איינער פֿון די דאָזיקע בריוו, אַרײַנגעשיקט אין רעדאַקציע פֿונעם שטעטל פּאַלטיטשען (געדרוקט אין נו׳ 7 „וועקער״), פֿאַרדינט דאָ ציטירט צו ווערן:

„זײַט „דער וועקקער״ ערשײַנט און ווערט בײַא אונז אויך געלעזען איז אונזערע אַרבייטער עפּיס ליכטיקער געוואָרען אין די אויגען. זיי קיקען אויף דיעזער צײַטונג וויא אויף איין פֿרײַנד פֿאַר וועמען מ׳קען זיך דאָס הערץ אויסרעדען. דאָס ליכט פֿאָן סאָציאַליזמוס האָט אויך דאָ אונזערע פֿערשלאָפֿענע אַרבייטער אונגעהויבען צו שײַנען, און 120 אַרבייטער פֿאָן פֿערשידענע בראַנשאַן [=בראַנזשען] האָבען זיך דורך איין שוואָר [=שבֿועה] ברידערליך פֿעראיינינגט און ווילען גרינדען איין אַרבייטער קלוב, וואו יעדער אַרבייטער זאָלל קענען ערקלערען, און דעם אַנדערען געבען צו פֿערשטעהן, אויף וואָס פֿאַר אַ װעלט ער געהט אַרום, וויא שווער און ביטטער ער מוז זיך פּלאָגען פֿיר איין הונגערלאָהן״.

פֿאַראַן מערערע ענלעכע בריוו אין וועלכע פּשוטע אַרבעטער (דער אויבן ציטירטער בריוו איז געחתמעט פֿון „איין בעקער-געהילפֿע״) דריקן אויס אויף אַ האַרציקן אופֿן זייער באַגײַסטערטע פֿרייד איבער דעם דערשײַנען פֿון זייער נײַעם קאַמפֿאָרגאַן.

אַ ברייטן פּלאַץ פֿאַרנעמען אין „וועקקער״ די אומאויפֿהערלעכע רדיפֿות אויף ייִדן. אין אַ גרויסער צאָל בריוו, וואָס לייענען זיך הײַנט ווי היסטאָרישע דאָקומענטן פֿון אַ פֿינצטערער צײַט, גיסן אויס ייִדישע אַרבעטער און פֿאָלקסמענטשן זייער ביטער האַרץ. אַ בריוו פֿון דער שטאָט באַקאָו שילדערט אַ גרויזאַמע „אינקוויזיציאָן״ פֿון דער פּאָליצײַ קעגן עטלעכע ייִדישע בעלי-מלאָכות, וואָס ווערן אַרעסטירט און מערדערלעך געשלאָגן אָן אַ שום פֿאַרוואָס. דער בריוושרײַבער פֿאַרפֿעלט נישט צוצוגעבן עטלעכע באַמערקונגען אויף דער טעמע „כּל ישׂראל חבֿרים״: הגם דער דאָזיקער אָנפֿאַל איז געווען אַן אָפֿענע אַנטיסעמיטישע שפּיל פֿון די היימישע געוועלטיקערס, אָבער —

„דיא היעזיגע בני רחמנים פֿאָן דער געלד-קלאַססע האָבען זיך דעריבער ניכט וויססענדיק געמאַכט, נור דיא קבצנים, דיא אַרבייטער, דיא האָבען זיך אינטעעססירט און האָבען פּראָטעסטירט דורך דער דעמאָקראַטישען פּרעססע...״

דער בריוו רופֿט אָן צוויי נעמען פֿון באַוווּסטע שטאָט-בעלי-בתּים און זאָגט וועגן זיי:

„זיא האָבען טעלעגראַפֿירט נאָך בוקאַרעסט אין דיא בורגעזישע [=בירגערלעכע] צײַטונגען, דאָס דיא גאַנצע געשיכטע איזט ליעגען. דאָס האָבען זיא געטהאָן, נאָכדעם אַללעס האָט שוין געוויסט, דאָס דיא געשיכטע איזט אמת ויציבֿ. ולית̇ר שאת האָבען זיא עס דעמענטירט אונד אַלס פֿאַלש ערקלערט אים נאַמען פֿון אַללער באַקוויער יודען״.

בכּלל באַגעגנט מען זיך ניט זעלטן מיט בריוושרײַבער, וואָס באַקלאָגן זיך ביטער אויף „ייִדן בני-רחמנים״ און אויף מיאוסע מעשׂים, וואָס ווערן פֿון ייִדן גופֿא אָפּגעטאָן צוליב קאָנקורענץ.

מען טרײַבט, מען יאָגט – הערט זיך אַ וויי-געשריי אין „וועקקער״. אַ בריוו פֿונעם שטעטל מאָינעשט דערציילט וועגן דער סכּנה, וואָס הענגט איבער אַלע דאָרטיקע ייִדישע אײַנוווינער, העכער הונדערט משפּחות: דאָס שטעטל איז אָפֿיציעל רעגיסטרירט ווי אַ „דאָרפֿישע געמיינדע״ — און אין דאָרפֿישע געמיינדעס לאָזט מען קיין ייִדן נישט וווינען.[15] פֿון סאַווען, פֿון הערלאַו, פֿון אַלע טיילן לאַנד דערציילט מען אַלץ דאָס אייגענע: עוולות, צרות אָן אַ שיעור. דער „וועקקער״ האָט זײַנע שפּאַלטן

---

15 דאָס איז געווען ביז צו דער מלחמה אַ באַליבטער מיטל פֿון רדיפֿות אויף ייִדן אין רומעניע: ייִדישע שטעטלעך, וואָס האָבן שוין לאַנג פֿאַרדינט דעם טיטל „שטאָט״, האָט מען פֿאַררעכנט ווײַטער פֿאַר דערפֿער, כּדי ייִדן זאָלן דאָרט נישט קענען קויפֿן קיין באָדן און נישט האָבן קיין וווינרעכט. די הײַזער, וועלכע זיי האָבן זיך אויפֿגעבויט, זענען געשטאַנען אויף ערד, וועלכע איז געווען געדונגען אויף 99 יאָר [גענוי דאָס אייגענע טרעפֿן מיר אויך אין די רוסישע געזעצן וועגן ייִדן. — רעד׳].

געפֿענט, ער דערציילט, ער פּראָטעסטירט קעגן די „פּערזעקוציאָנען", ער מוסרט. די ייִדישע אָרעמשאַפֿט רעדט דורכן „וועקקער".

אָרגאַניזאַציעס לעבן אויף. אַלטע אַרבעטער-פֿאַראייינען ווערן אויפֿגעוועקט צום לעבן, נײַע פֿאַראייינען ווערן געגרינדעט. אין יאַס פֿירן אַ רירעוודיקע טעטיקייט די האַנדלס-אָנגעשטעלטע, די בעקערס, די טישלערס. די לעצטע פֿירן אַ קאַמף פֿאַר וועכנטלעכן לוין אויפֿן אָרט פֿון שטיקלוין; זייערע לוין-באַדינגונגען ווערן באַהאַנדלט אין אַרטיקלען און אויף פֿאַרזאַמלונגען. אויך די מאָלער- און די בלעכער-אַרבעטער רירן זיך. אין בראַילאַ אָרגאַניזירן זיך שוסטערס, בלעכערס און טישלערס, אין טעקוטש האַנדלס-אָנגעשטעלטע, אין טערג-פֿרומאָס די בלעכערס, אין פֿאָקשאַן די קעלנערס. ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס פֿון אַלע פֿאַכן צוזאַמען ווערן געגרינדעט אין פֿאַלטיטשען, אין מאָינעשט. פֿון לוינקאַמפֿן, דאָס רובֿ ערפֿאָלגרײַכע, דערוויסן מיר זיך אין יאַס, גאַלאַץ, בערלאַד, הערלאַו א"אַ.

ל. געלערטער פֿאָרט אַרום איבערן לאַנד, האַלט פֿאָרלעזונגען איבער פֿאַרשיידענע טעמעס און רעדט אין אַרבעטער-פֿאַרזאַמלונגען: אין באַקאַו, פּיאַטראַ-ניאַמץ, בראַילאַ, גאַלאַץ, האַרלאַו, מאָינעשט, פֿאַלטיטשען א"אַ. אומעטום ווערט ער אויפֿגענומען מיט באַגײַסטערונג. אַ נײַ וואָרט האָט געקלונגען קלינגען איבער דער פֿינצטערער ייִדישער גאַס פֿון רומעניע, וועקן די שלאָפֿנדיקע — דאָס וואָרט פֿון סאָציאַליסטישער באַפֿרײַונג.

אין די אַלגעמיינע פּאָליטישע און ייִדישע פֿראַגן איז דער „וועקקער" געגאַנגען אויף דעם וועג, וועלכן ס'האָט פֿריער אָנגעוויזן די „לומינאַ". ווי ווילד נאַריש און בייזוויליק אויסגעטראַכט ס'איז געווען דער בילבול פֿון דער רומענישער ס"ד פּאַרטיי-אָנפֿירונג, אַז די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע שטרעבט צו אַ פֿאַראייניקונג צווישן ייִדישע אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן, דאָס קאָן מען פֿעסטשטעלן פֿון יעדן אַרטיקל, פֿון יעדער נאָטיץ אין „וועקקער". די צײַטונג לאָזט נישט אַדורך קיין איין געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגע — אומעטום ווערט אָוועקגעשטעלט אַ שאַרפֿע מחיצה צווישן אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן, די קלאַסן-ליניע אויף דער ייִדישער גאַס. מען טענהט זיך אויס מיט רעליגיע און אויך מיט דער שמד-מגפֿה, מען פֿאַלט אָן אויף חסידים און כּלי-קודש, און אויך פֿאַר דער ייִדישער פֿילאַנטראָפּיע ווײַזט דער „וועקקער" נישט אַרויס קיין ברעקל דרך-ארץ. גראָד אין יענער צײַט (סוף אַפּריל 1896) איז געשטאָרבן באַראָן הירש; זײַן טויט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף דער ייִד' וועלט און אויך אין רומעניע, ווו עס זענען אויפֿגעבויט געוואָרן מיט באַראָן הירשס געלט שולן פֿאַר ייִדישע קינדער. דאָס שטערט אָבער נישט העלמאַנען צו זינגען אין אַ ליד, אַז די פֿילאַנטראָפּן זײַנען אַרבעטער-„פֿײַנדע": „אייער הערץ איז פֿאָן שטיין".

אויך אין קאַמף פֿאַר פּאָליטישע רעכט שטרײַכט אונטער „דער וועקקער" מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט דעם אַרבעטער-שטאַנדפּונקט. אַן אַרטיקל מיטן קעפּל „אחינו בני ישראל" („וועקקער" נר' 3) לאַכט זיך אויס פֿון יענער אַחדות, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז „מ'דאַווינט אויס איין סידר, מ'זאָגט אַללע איינע אונד די זעלבע שמונה עשרה און מ'טרינקט אין איינעם „לחיים". די אויפֿגאַבע פֿון „וועקקער" — זאָגט דער אַרטיקל — איז:

„דיא ייִדישע נאַציאָן צו פֿערטהיידיגען אונד פֿיר איהר צו קעמפֿפֿן דאָרט, וואָ זיא ווירד פּאָליטיש אונטערדריקקט. דאָרט, וואָ זיא ווירד פֿאָן מענשענרעכט בעראויבט, אונד אים אַלגעמיינעם פֿיר פֿרײַהייט און גלײַכהייט, ווייל דאָרט ווא איין קלאַססע ווילל דיא אַנדערע אויסבײַטען, דאָרט האָט די ברידערשאַפֿט באַלד אויפֿגעהערט".

און ער פֿאַרענדיקט: „כּל העבֿדים אַחים הם! אַללע שקלאַפֿען זינד בריעדער".

אַזוי ווי פֿריער די „לומינאַ", אַזוי זאָגט זיך איצט אויך דער „וועקקער" קאַטעגאָריש אַרויס קעגן ציוניזם. אין נומער 2 (8-ן מאַי 1896) גיט איבער איינער, וואָס איז נישט לאַנג צוריקגעקומען פֿון פּאַלעסטינע, שוידערלעכע פּרטים וועגן דעם לעבן פֿון

רומעניש ייִדן, וואָס זענען געקומען זוכן אַרבעט אין די קאָלאָניעס פון באַראָן ראָט־שילד. דער בריוו איז אַ פלאַמענדיקע אָנקלאָגע קעגן דער אַדמיניסטראַציע פון די קאָלאָ־ניעס. דאָרט ווערט אַזוינס דערציילט:

„אָנפאַנג בײַם קוממען נאָך יפו האָט אײנער אַ געוויססער אַגענט, ער רופט זיך מיט דעם נאָמען חיים בעקקער, צוגענומען בייא אונז דיא פעססער און מען האָט זייא פארניכטעט און מען האָט גענומען בייא אונז פאָן יעדער פאמיליע 25 רובל און אונז געמאַכט פאַר טערקישע אונטערטענער. וויר האָבען גערענקט, אַז מיר זענען מיט דיעזען גליקליך, נאָר דאָס איז איין גראָסעס אומגליק פיר אונז. יעצט וויר וואָלטן געלאָפען צוריק צו אונזער היימהײַט, שרײַבט מען ניט אונטער קיין טערקישען פאַס. דאָס איסט דיא פּאָליטיק, אַז וויר מיזען זײַן עוויג אימזאָנסטיקע שקלאַפען... די אַרבייט איזט שוועהר. עס איסט ניט צו באַשרײַבען. מען מוזט מיט די לאָהנען די שטיינער רײַסען און די שטיינער אויף די פּלייטצעס טראָגען, הויפענס צו מאַכען. מען שטייט איבער דיא פּלייטצעס און מען שרײַט: אַרביט! אַרביט! וויא מיט די אייזלען. פּילײַכט ווערט אײנער קראַנק ביז דעם האַלבען טאָג אין מאַניסטראַציאָן [אַדמיניסטראַציע] פאָן דעם באַראָן רוטשולד, הייסן זייא איהם געהן. דיא ביזט קיין טאַגעס־אַרבייטער. דיעזע לייטע אַרבייטען, ביז זייא ווערען געפערליך קראַנק און מען גיבט זייא אין שפיטאָהל אַראָן נאָר צו בעדויערן ניכט אין ייִדישען שפיטאָהל, אין באַראָן רוטשולדס שפּיטאָל איז דאָס געזעטץ: מער פאָן דרײַא טאַגע ניט צו האַלטן. האָבען וויר געמוסט אָנקומען צו די קריסטען, צו דיא פּראָ־טעסטאַנטען פון דעם שפּיטאָהל. פּיעל זענען געשטאָרבען פאָן אונזערע ברודער, די טעג־ליכע אַרבייטער. פּיעל זענען געגאַנגען פאָן [האָבן פאַרלאָזט] די פרויען, זייא האָבען געבייטען מען זאָל זייא אונטערשטיצען, האָבען ניענטפערט די קאָלאָניסטען פאָן דער קאָלאָניע, געהען זייא צו איהרעם כולל, דאָס הייסט געמיינדע. אונזערע פרויען זענען געקוממען צום כולל... חיים בעקקער האָט זיך אויסגעשריגען און האָט זייא געשיקט קיין ירושלים צום רבֿ הכולל ר׳ שמואל סאַלאַנטיס [סאַלאַנטער] און די פרויען האָבען קיין מיטעל ניט געהאַט, זענען זיי צו פיס געגאַנגען פאָן יפו ביז קיין ירושלים און דער וועג איז איין וועג פאָן 60 קילאָמעטער. דער וועג איז נאָר בערג אַראָף ביז קיין ירושלים אין שטיינער. זייא האָבען זיך צו שלאָגען זעהרע פיס אין די אַראַביר וואָס זיי רייזען מיט דיא קאַמעלען האָבען געמאַכט אין די פרויען איין פערדערבונג, עס איז ניט צו דערציילען...“

דער בריוו דערציילט ווײַטער, ווי דער רבֿ-הכולל, ר׳ שמואל סאַלאַנטער, האָט פון די פרויען ציניש אָפּגעחוזקט, און פאַרענדיקט:

„דיא פרויען מיט דיא קינדער האָבען געמוזט אַרײַן פאַללען צו דיא פּראָטעס־טאַנטען אין דיא הענד אַריין. אַ סך זענען געטויפט געוואָהרן אַלס פּראָטעסטאַנטען און אַ סך האָבען דיא פּראָטעסטאַנטען אַוועקגעשיקט נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל אונד זענען אימממער נע ונד. זייא זענען געפלאָגט, דיא טירקען וואַרפען זייא שטיקליך ברוויט אַזוי וויא צו דיא הינד און אַזוי לעבען זייא, מען שיקט זייא פון איין שטאָדט צו דער אַנדערער שטאָדט, זייא האָבען קיין רוה... איך שרײַב, וואָס מײַנע אויגען האָבען געזעהן. מי קען זיך איבער־צײַגען דורך דיא מענטשען וואָס וואָהנען אין יפו אונד אין ירושלים“.

אין דער הקדמה צו דעם דאָזיקן בריוו זאָגט די רעדאַקציע, אַז „עס איזט ניכט שען פאָן דיא יעניגע, וואָס פערשיקקען דיא אָרמע אַרבייטער פאָן איין גלות, כדי זיא זאָללען אַרײַנפאַללען אין איין אַנדער גלות“. די רעדאַקציע גלייבט, אַז די גאַנצע באַשרײַ־בונג איז אמת. אָבער — גיט זי צו:

„ווענן עס געפינט זיך עמיצער פאָן רומעניען אָדער פּאַלעסטינאַ, וואָס קענן אונז מיט פּראָבען [=באַווײַזן] איבערצײַגן דאָס היער עטוואָס ניכט פינקטליך נאָכערצעהלט איזט, שטעהט אים אונדזער בלאַט אָפען“.

ס׳האָט זיך אָבער קיינער ניט געפונען — מיט „פּראָבען“, און דער בריוו איז געבליבן אָן אַן ענטפער.

לויט ווי עס ווײַזט אויס, האָט דער ציוניזם נישט געפֿונען אין יענער צײַט קיין איבעריק גרויסן אָפּקלאַנג אין דער יִדישער מאַסע פֿון רומעניע. אין נ׳ 17 (21סטן אויגוסט 1896) ברענגט „דער וועקקער״ אַ לייט-אַרטיקל אונטערן קעפּל „יודען-שטאַאַט״. דער אַרטיקל איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך דעם, וואָס מיט אַ קורצער צײַט צוריק „איזט ערשיענען איינע בראָשורע פֿאָן איין געוויססען דאָקטאָר הערצעל, ער בעהאַנדעלט דאָרט דיא פֿראַגע איבער גרינדונג פֿון איינעם יודען שטאַאַט. דיזע בראָשורע האָט געמאַכט איין זעהר גרויסען לאַרם צווישן דער יודישען בעפֿעלקערונג...״ אָבער אין רומעניע איז דער „לאַרם״ אַפּנים נישט געווען זייער גרויס, ווײַל מיר באַגעגענען נישט קיין שום פּאָלעמיק אַרום דער פֿראַגע. דער „וועקקער״ גופֿא באַנוגנט זיך מיט דעם איינעם אַרטיקל, וואָס איז געשריבן ווי אַ מין הקדמה צו אַ געגויערער אָפּהאַנדלונג וועגן ציוניזם, וואָס האָט באַדאַרפֿט קומען און האָט אָבער ניט דערשײַנט. דער דאָזיקער הקדמה-אַרטיקל רעדט אַרום די פֿראַגע פֿון נאַציאָנאַליזם; די געגנער זאָלן נישט זאָגען, „דאָס מיר זענען יודען פֿיינדע און דעסהאַלב זענען מיר געגען ישוב ארץ ישראל״. וועגן דער באַציִונג פֿון סאָציאַליסטן צו דער אייגענער נאַציע ווערט אין אַרטיקל געזאָגט:

„האטשבי מיר זענען אינטערנאַציאָנאַל, ווירר זאָגען, דאָס אַללע פֿעלקער אָהנע אונטערשיעד פֿון נאַציאָן אונד רעליגיאָן דאַרפֿען זײַן ברידערליך פֿעראייניגט, זא פֿערווערפֿען ווירר דאָך נישט דעם ריינעם נאַציאָנאַליזמוס. מיט דעם, וואָס מיר זענען אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַלדעמאָקראַטען, הערן מיר נישט אויף צו זײַן אויך יודען. דען דער מענש, וואָס קען זיך נישט עמפּאָר העבען, אום זײַן פֿאָלק, פֿין דעם וואָס ער שטאַמט, צו ליעבען, פֿיר דעם זיך צו אָפּפֿערן, דער קען נאָך וויינוקער זײַן זאָ אידעאַליסטיש, אום זיך פֿיר פֿרעמדע צו אָפּפֿערן. אונד עבען אַזוי וויא איין מענש, ווען ער בעפֿרײַנדעט זיך מיט מעהרערע אַנדערע, הערט ער נישט אויף, זײַנע פֿאַמיליע, עלטערן, קינדער, ברידער צו ליעבען, זאָ איזט אויך מיט דעם פֿאָלק. דער וואָס איזט אינטערנאַציאָנאַל, וואָס ליעבט אַללע פֿעלקער, הערט נישט אויף, אויך זײַן פֿאָלק צו ליעבען...״

## V. אַפּעל צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-וועלט.

באַריכט פֿון דער יִדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער גרופּע „לומינאַ״ צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן (1896).

פֿאַר די, וואָס קענען דעם שאַרפֿן קאַמף פֿון דער „לומינאַ״ קעגן דער דעמאָלטיקער אָנפֿירונג פֿון דער רומענישער סאָצ׳-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי איבער איר יִדנפֿײַנטלעכער באַציִונג, איז עס ממש אַ רעטעניש, וואָס אין דעם גאַנצן קאָמפּלעקט „וועקקער״ פֿעלט לחלוטין דער מינדסטער רמז אויפֿן אינעווייניקסטן פּאַרטייקאַמף, בעת אין דער „לומינאַ״ איז וועגן דעם געווען פֿול. דאָס דערקלערט זיך אין דער ערשטער ריי דערמיט, וואָס דער קאַמף מיט דער פּאַרטיי-אָנפֿירונג איז שוין צו יענער צײַט שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. האָט אפֿשר די סאָצ׳-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי חרטה געהאַט אויף איר רעאַקציאָנערער שטעלונג אין דער יִדן-פֿראַגע? ניין, — גיכער פֿאַרקערט! אָבער די ס״ד פּאַרטיי איז באַלד געקומען צו אַזאַ צושטאַנד, אַז ס׳איז כמעט שוין ניעט געווען מיט וועמען צו קעמפֿן. מיר האָבן אויבן איבערגעגעבן, אַז גלײַך נאָך דעם, ווי עס האָט אָנגעהויבן דערשײַנען דער „וועקקער״, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די „לומינאַ״. דאָס איז צו יענער צײַט, ווי עס ווײַזט אויס, שוין נישט געווען אַזאַ גרויסער קרבן. דער זשורנאַל האָט זײַן מיסיע אויסגעפֿירט, דער קאַמף מיט דער אָנפֿירונג פֿון דער ס״ד פּאַרטיי האָט וואָס אַמאָל מער פֿאַרלוירן זײַן באַדײַטונג און איז באַלד אין גאַנצן איבעריק געוואָרן: די פּאַרטיי, איין מאָל אַראָפּגענידערט אין זומפּ פֿון אָפּאָרטוניסטישן צופּאַסן זיך צו די הערשנדיקע אומשטאַנדן, איז געגאַנגען איר וועג באַרג אַראָפּ אין אַלץ אַ גיכערן טעמפּ.

אַ חידוש איז אָבער דאָס שטילשווייגן פונעם „וועקקער" דעמאָלט, ווען די יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעטראָגן איר אָנקלאָג קעגן דער פּאַרטיי-אָנפירונג פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-עפנטלעכקייט. דאָס איז געשען אויפן קאָנגרעס פונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין לאָנדאָן (יולי 1896). צו דעם דאָזיקן קאָנגרעס האָט די יאַסער יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע צוגעשיקט „אַ באַריכט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער גרופּע לומינאַ", געשריבן אין דייטש. דער באַריכט גופא אַנט-האַלט אייגנטלעך נישט קיין דירעקטע אָנקלאָגע קעגן דער רומענישער ס"ד פּאַרטיי-אָנפירונג, ער גיט אָבער איבער אַן אָביעקטיווע שילדערונג פון דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער און יורידישער לאַגע פון די יידן אין רומעניע, און דער לאָגישער אויספיר דערפון — דער קאַמף פאַר יידישער גלייכבארעכטיקונג אין רומעניע אַלס אַן אויפגאַבע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — הגם ער איז נישט אויסגעדריקט אין ווער-טער, אָבער זייער גוט פאַרשטאַנען געוואָרן פון דער רומענישער פּאַרטיי-אָנפירונג, איז אַ שאַרפער אָנגריף קעגן דער באַקאַנטער באַציונג פון דער רומענישער ס"ד פּאַרטיי צו דער יידישער פראַגע. אָן ספק איז דאָס טאַקע געווען דער הויפּטצוועק פון באַריכט, הגם אין דער הקדמה ווערט אונטערגעשטראָכן זיין איינציקער צוועק צו געבן די דעלע-גאַטן פון קאָנגרעס אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן אויך די יידישע פראַגע פון רומעניע. נישט געקוקט דערויף, וואָס אַן אייגענע דעלעגאַציע פון דער יידישער אַרבעטער-אָרגאַ-ניזאַציע אין רומעניע האָט איבער דוחק אין געלט נישט געקאָנט קומען קיין לאָנדאָן.

אַ גאַנץ קליינעם פּלאַץ פאַרנעמט אין דעם דאָזיקן דאָקומענט דער באַריכט וועגן דער אייגענער אָרגאַניזאַציע „לומינאַ", וועגן וועלכער עס ווערט געזאָגט, אַז זי האָט געזאַמלט „אָנהענגער-גרופּעס" אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון מאָלדאַווע, וואָס זיינען „די עלעמענטן פון אַ וואַקסנדיקער אַרבעטער-פּאַרטיי". די צייטונג „וועקקער" ווערט געשילדערט ווי אַן אָרגאַן, וואָס „וועקט אין דעם יידישן אַרבעטער דאָס שלאָפעדיקע קלאַסן-געפיל, וואָס ווייזט אים די שאַנד פון זיין נאַציאָנאַלער און קולטורעלער אונטער-דריקונג, וואָס רופט אים צום קאַמף קעגן רעכטלאָזיקייט און באַרבאַריזם".

דעם גאַנצן איבעריקן פּלאַץ אין דעם באַריכט, וועלכער איז געדרוקט אויף אָנדערט-האַלבן צייטונגזייטן, פילט אויס אַן אינטערעסאַנטער מאַרקסיסטישער אַנאַליז פון דער סאָציאַלער סטרוקטור פון רומעניע בכלל און פון דער יידישער לאַגע בפרט.

לאָמיר דאָ איבערגעבן אין עטלעכע ווערטער דעם אינהאַלט פון דעם טייל. — ער גיט קודם אַ שילדערונג פון דעם פאַקטישן הפקר-צושטאַנד פון דער יידישער באַפעל-קערונג אין רומעניע. פון עקאָנאָמישן שטאַנדפונקט באַטראַכט, איז די יידישע באַפעל-קערונג, וואָס טיילט זיך אויף אַ בירגערלעכן מיטלקלאַס און אַן אַרבעטער-קלאַס, אַן „עקאָנאָמישער פאַקטאָר פון אַנטשיידנדיקער באַדייטונג"; פיר פינפטל פון דער אַלגע-מיינער באַפעלקערונג אין רומעניע געהערן צום פּויערים-קלאַס; די אייגנטלעכע עקאָנאָ-מישע און פּאָליטישע טעטיקייט פונעם לאַנד קאָנצענטרירט זיך אין די שטעט, ווו יידן זיינען דער וויכטיקסטער ווירטשאַפטלעכער טייל פון דער באַפעלקערונג. דער קאַמף פון די הערשנדיקע שטאַטישע עלעמענטן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג איז פאַקטיש, מחמת דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון די ביידע באַפעלקערונגס-טיילן, אַ קאַמף פונעם אָפּגעשטאַנענעם פעאָדאַליזם קעגן דער אַנטוויקלונג פון דער אייראָפּעיִש-קאַפּיטאַליס-טישער ווירטשאַפט-סיסטעם. אויב די יידישע בורזשואַזיע און דער יידישער פּראָלעטאַ-ריאַט אַנטוויקלען זיך ביידע פּאַראַלעל, איז דערפון געדרונגען, אַז ביידע קלאַסן האָבן אַ גלייכן אינטערעס זיך אויסצוקעמפן פּאָליטישע רעכט אין דער רומענישער מלוכה. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין רומעניע וועט נישט קאָנען ווערן קיין שטאַרקע אַרבעטער-פּאַרטיי, ביז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט נישט באַקומען די מעגלעכקייט פאַר פּאָליטישער טעטיקייט. אין קאַמף פאַר אירע פּאָליטישע רעכט האָט די יידישע אַרבעטער-שאַפט אַ נאַטירלעכן מיטקעמפער אין דער יידישער בורזשואַזיע. די יידישע בורזשואַזיע

אין רומעניע האָט „מאַרקסיסטיש גערעדט נאָך אַ רעוואָלוציאָנערע און שוין אַ רעאַקציאָנערע זײַט". דער קאַמף פֿאַר די רעכט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג שאַפֿט אַ בשותּפֿותדיקע פּלאַטפֿאָרמע פֿאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע און דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. דער קלאַסן-קעגנזאַץ ווערט אָבער מחמת דעם ניט אָפּגעשאַפֿט, די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט דעם חובֿ שטענדיק אונטערצושטרײַכן די טיפֿע עקאָנאָמ׳שע קעגנזאַצן צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. דער באַריכט ענדיקט זיך מיט אַן אַפּעל צום קאָנגרעס אַרײַנצונעמען די ייִדישע פֿראַגע פֿון רומעניע אין דער דיסקוסיע און אויסצודריקן זײַן שטעלונג צו דער פּראָבלעם פֿון די ייִדן אין רומעניע, אַזוי ווי צו דער פֿראַגע פֿון אונטערדריקטע פֿעלקער, „אין צוזאַמענהאַנג מיטן פֿאָרשלאָג פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרבעטער-פּאַרטיי און די אויספֿירן פֿונעם חבֿר זשאָרעס" (דעם פֿולן טעקסט פֿון באַריכט, אין אַ ייִדישער איבערזעצונג, זע ווײַטער אין דער הוספֿה).

אָט דאָס איז אין קורצן דער אינהאַלט פֿון דעם „באַריכט" וועלכער איז געחתמעט פֿון מ. חײַמאָוויטש, ל. געלערטער, לעאָן געלער, ראובֿן שוואַרץ, מאַקס וועקסלער — פֿאַרן „פֿאָרשטאַנד פֿונעם פֿאַראיין „לומינאַ" (יאַס).

מען קאָן הײַנט געוויס נישט מסכּים זײַן מיט אַלע באַגרינדונגען פֿונעם באַריכט; ספּעציעל געפֿינען מיר, אַז אין דער אָפּשאַצונג פֿון דער עקאָנאָמישער ראָלע פֿון ייִדן אין רומעניע דערנעענטערט זיך דער באַריכט ממש צו אַ מין „אַתּה-בחרתּנו"-שטאַנדפּונקט, וועלכער איז נישט ריכטיק אויך פֿאַר רומעניע מיט פֿיר צענדליק יאָר צוריק. ווי וויכטיק עס זאָל נישט געוועזן זײַן (און איז נאָך הײַנט) די עקאָנאָמישע ראָלע פֿון די ייִדן אין רומעניע, טאָרן זיי אָבער פֿאָרט נישט אַוועקגעשטעלט ווערן ווי אַן „עקאָנאָמישער פֿאַקטאָר פֿון אַנטשיידנדיקער באַדײַטונג" פֿאַרן לאַנד, בעת אין דער אייגענער צײַט ווערט לחלוטין ניט גענומען אין אַכט אַלס אַן עקאָנאָמישער פֿאַקטאָר די פּויערים-מאַסע, אַ פּאָליטיש רעכטלאָזע כּמעט ווי די ייִדן, אַ הונדערט-פּראָצענטיק פּראָדוקטיווע מאַסע, וואָס בילדעט פֿיר פֿינפֿטל פֿון דער גאַנצער רומענישער באַפֿעלקערונג. אויך האַלטן מיר עס פֿאַר טאַקטיש נישט ריכטיק אונטערצושטרײַכן דעם קאָלאָסאַלן אַנאַלפֿאַבעטיזם פֿון דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג אין רומעניע און דערבײַ אָנווײַזן, אַז די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט איז קולטורעל אַנטוויקלונגס-פֿעיִקער ווי דער קריסטלעכער פּראָלעטאַריאַט און אַז צווישן די ייִדישע אַרבעטער זענען ממש נישט פֿאַראַן קיין אַנאַלפֿאַבעטן. אַזעלכע פֿעסטשטעלונגען אין אַן אָפֿיציעלן באַריכט קלינגען באַרימעריש און קענען נישט אַרויסרופֿן קיין גוטן אײַנדרוק.

די דאָזיקע איבערצײַגונג אויף איין זײַט און גרינגשאַצונג אויף דער צווייטער דערקלערן זיך מיט דער שאַרפֿקייט פֿונעם קאַמף קעגן דער אָנפֿירונג פֿון דער ס"ד פּאַרטיי אין רומעניע. לגבי דער פֿײַנטלעכער באַציִונג פֿון דער פּאַרטיי-אָנפֿירונג צום קאַמף פֿאַר ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג האָבן די מחברים געהאַלטן פֿאַר נייטיק וואָס שטאַרקער אונטערצושטרײַכן די עקאָנאָמישע באַדײַטונג פֿון די ייִדן, ווי די כּמעט איינציקע טרעגער פֿונעם קאַפּיטאַליזם, ווי די פּיאָנערן פֿון קאַפּיטאַליסטישן פּראָגרעס אין לאַנד פֿון נאַטוראַלער ווירטשאַפֿט, כּדי צו דערווײַזן אויף אַ בולטן אופֿן, אַז דער קאַמף קעגן דער ייִדישער רעכטלאָזיקייט דינט די אינטערעסן פֿונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט. די אָנגעוויזענע פֿעלערן פֿאַרקלענערן אָבער אין קיין שום פּרט נישט די באַדײַטונג פֿון דעם באַריכט, פֿון אָט דער ערשטער מאַניפֿעסטאַציע פֿון די ייִדישע סאָציאַליסטן אין רומעניע אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער-פֿאָרום קעגן דער אונטערדריקונג און רדיפֿות פֿונעם ייִדישן פֿאָלק.*

* דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָצ׳ קאָנגרעס אין בריסעל 1891 האָט צום ערשטן מאָל אָנגענומען אַ רעזאָלוציע קעגן אַנטיסעמיטיזם (און אויך פֿילאָסעמיטיזם), לויטן פֿאָרשלאָג פֿון אַב. קאַהאַן, דעלעגאַט פֿון ניו-יאָרק; אויפֿן קאָנגרעס אין ציריך 1893 האָט אַב. קאַהאַן פֿאַרטראָטן די ייִדישע געווערקשאַפֿטן אַן

וואָס פֿאַר אַ ווירקונג האָט געהאַט אָט דער באַריכט אויפֿן קאָנגרעס? קיין דאָקו-מענטאַלע ידיעות וועגן דעם האָבן מיר ניט,[16] אָבער אייניקע ייִדישע סאָציאַליסטן, וואָס זײַנען געווען דעמאָלט אויפֿן קאָנגרעס, גיבן איבער, אַז זשאָרעס האָט אין זײַן רעדע וועגן דער לאַגע פֿון די אונטערדריקטע פֿעלקער אין גאַנצן אָנערקענט פֿאַר ריכטיק דעם שטאַנדפּונקט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין רומעניע. אין דער דיסקוסיע איז אויך אַרויסגעטרעטן דער רומענישער דעלעגאַט זש. אַ ט אַ נ אַ ס י ו[17] מיט אַ שאַרפֿע רעדע, אין וועלכער ער האָט פֿאַרטיידיקט די „מאַרקסיסטיש אויסגעהאַלטענע" שטעלונג פֿון דער רומענישער ס"ד פּאַרטיי צו דער ייִדישער פֿראַגע.[18]

ס'איז אַ חידוש, וואָס ניט דער באַריכט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע צום סאָציאַליסטישן קאָנגרעס און ניט די דיסקוסיע אויפֿן קאָנגרעס ווערן ניט איבערגעגעבן מיטן פֿולן טעקסט אויף די שפּאַלטן פֿון „וועקקער". אין נ' 14 (31סטן יולי 1896) ווערט דער דאָזיקער באַריכט נאָר קורץ באַרירט אין אַן אַרטיקל, געשריבן פֿון לעאָן געלער, און דאָס אויך נאָר זײַן אַלגעמיינער טייל. מיר לייענען דאָ צווישן אַנדערס:

„צום ערסטען מאָל ווירד אין דער ציוויליזירטער וועלט מיט אָפענהייט אונד מיט אמת געשילדערט דיא טרויעריגע לאַגע דער יודען אין רומעניען. דער פֿאַריין „לומינאַ" אַלס סאָציאַליסטישע גרופּפּע האָט געשיקט איין בעריכט אין דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס, אין וועלכעם עס ווירד געשילדערט אַללע פֿערפֿאָלגונגען, אַללע פּערזעקוציאָנען, וואָס די יודען שטעהען אויס אין רומעניען, די באַרבאַריי‍ען, מיט וועלכע דיא רעגירונג-בעאַמטען באַהאַנדלען דיא יודען... אום עס זאָל קענען עקזיסטירען אין רומעניען איינע גראָססע אַרבייטער-פּאַרטייא מוססען פֿאָר אַללעס די יודען האָבען פּאָליטישע רעכטע. עס ליעגט דאַהער אים אינטערעססע פֿאָן דער אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַל-דעמאָקראַציע, דאָס זיא זאָלל זיך אָננעמען פֿיר דעם שווער אונטערדריקטען יודישען פֿאָלק אין רומעניען".

אַזוי פֿיל, און נישט מער! מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? לעבעדיקע עדות פֿון יענער צײַט דערקלערן דעם פֿאַקט אָט ווי אַזוי: דער „וועקקער" האָט געדאַרפֿט דינען אויסשליסלעך דער אויפֿקלערונג פֿון די מאַסן, זייער קאַמף קעגן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס און דעם אידעאַל פֿון סאָציאַליסטישער באַפֿרײַונג, און די רעדאַקטאָרן זײַנע האָבן גע-האַלטן פֿאַר זייער חובֿ שטרענג אָפּצוהיטן דעם סאָציאַליסטישן אָרגאַן פֿון ידיעות וועגן רײַסערײַען אין די סאָציאַליסטישע רייען, וואָס וואָלטן געקאָנט וואַרפֿן אַ שאָטן אויף דער ריינקייט פֿונעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. — הײַנט מעג מען באַטראַכטן אַזאַ טאַק-טיק פֿאַר אַ „שטרויספֿויגל-פּאָליטיק", אָבער אַזוי איז דאָס דעמאָלט געווען.

## VI. דער אײַנבראָך פֿון דער רומענישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דער נײַער אָנהייב

וואָס איז שייך דער רומענישער ס"ד פּאַרטיי, האָט זי נישט מער לאַנג איבערגע-לעבט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן. זי האָט זיך אַזוי

אַמעריקע. אין דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס פֿון 1896, וואָס וועגן אים שרײַבט דער מחבר, האָבן זיך שוין באַטיי-ליקט דעלעגאַטן פֿון די ייִדישע אומלעגאַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד (פֿון ווילנע, מינסק, וואַרשע און סמאָרגאָן) און ס'איז צוגעשטעלט געוואָרן אַן אויספֿירלעכער באַריכט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַווע-גונג (זע ווײַטער אין דעם באַנד). — רעדאַקציע.

16 צום באַדויערן האָט זיך מיר נישט אײַנגעגעבן צו געפֿינען קיין פּראָטאָקאָל פֿון די פֿאַרהאַנדלונגען אויפֿן לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס.

17 Atanasiu.

18 כדאַי צו באַמערקן, אַז אַטאַנאַסיו, דער דעמאָלטיקער דעלעגאַט פֿון דער רומענישער ס"ד פּאַרטיי אויפֿן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, איז אין יאָר 1920 געוואָרן אַ מיטגליד אין מיניסטאָרן-קאַבינעט פֿונעם גענעראַל אַווערעסקו, אַלס אונטערשטאַט-סעקרעטאַר, און האָט מיטגעהאָלפֿן אויסצופֿירן דעם ווילדן אָנפֿאַל אויף דער אַרבעטער-באַוועגונג אין רומעניע, וועלכע איז אין יענעם יאָר, נאָך אַ דורכגעפֿאַלענעם גענעראַל-סטרײַק, צעשמעטערט געוואָרן אין בלוט און פֿײַער.

לאַנג „צוגעפּאַסט“ צו די הערשנדיקע באַדינגונגען אין לאַנד, ביז זי האָט פֿאַרלוירן יעדע השפּעה אויף די מאַסן.

נישט געקוקט דערויף, וואָס די פֿירערס זענען געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז די פּאַרטיי זאָל חלילה נישט פֿאַרלאָזן דעם דרך הישר, איז אָבער די באַוועגונג פֿאָרט געקומען אין אַ שאַרפֿן קאָנפֿליקט מיט דער מלוכה-מאַכט. צוויי רומענישע סאָציאַליסטן, דער סטודענט פּיקשינעסקו און דער דרוקער-אַרבעטער באַנגערעאַנו, וואָס האָבן געפּרוווט שאַפֿן פּויערים-אָרגאַניזאַציעס, זענען אַרעסטירט געוואָרן: מען האָט זיי געשטעלט פֿאַר אַ טריבונאַל און זיי געלאָזט פֿאַרמשפּטן אויף שווערער תּפֿיסה פֿאַרן פֿאַרברעך פֿון שווינדלערײַ, מאָטיווירנדיק דערמיט, אַז זיי האָבן „באַשווינדלט“ די פּויערים מיט אילוזיעס וועגן סאָציאַליזם...

אויף דער פּאַרטיי-אָנפֿירונג האָט אָבער דער דאָזיקער אורטייל נים געהאַט חלילה קיין שום רעוואָלוציאָנירנדיקע ווירקונג. די פּאַרטיי איז ווײַטער געגאַנגען דעם וועג באַרג אַראָפּ. אויפֿן 4טן קאָנגרעס (אַפּריל 1897) האָבן זיך שוין גאַנץ קלאָר געפֿילט ליקווידאַטאָרישע טענדענצן; דיביידע פּאַרטיי-פֿירערס, מאַרצון און ראַדאָוויטש, האָבן צוזאַמען מיט נאָך אַ דריטן דעלעגאַט אַרײַנגעטראָגן אַ פֿאָרשלאָג, אַז די ס״ד פּאַרטיי זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ רומעניש-נאַציאָנאַלער פּאַרטיי. אַלע ייִדישע מיטגלידער זאָלן, הייסט עס, פֿאַרלאָזן די פּאַרטיי. באַגרינדעט איז געוואָרן דער דאָזיקער פֿאָרשלאָג דערמיט, אַז די ייִדן האָבן סײַ ווי סײַ נים קיין פּאָליטישע רעכט און קענען מחמת דעם נים ברענגען קיין נוצן; פֿאַר אַ פּאָליטישער פּאַרטיי זײַנען זיי נאָר אַן איבעריקער באַלאַסט. מען גיט איבער, אַז די רעגירונג האָט צו וויסן געגעבן די דערמאָנטע פֿירערס, אַז אויב זיי וועלן נים ווי צום גיכסטן ליקווידירן די ס״ד פּאַרטיי, וועלן זיי האָבן דעם אייגענעם סוף, ווי די פֿאַרמשפּטע חבֿרים זייערע, פּיקשינעסקו און באַנגערעאַנו. מאָרצון און ראַדאָוויטש, און צוזאַמען מיט זיי נאָך פֿיל אַנדערע אָנפֿירנדיקע און אַקטיווע מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי, האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם אולטימאַטום: זיי האָבן געשאַפֿן אַ נײַע טעאָריע וועגן דער „ווײַטהאַרציקער“ צופּאַסונג פֿון דער פּאַרטיי צו די לעבנס-באַדינגונגען אין רומעניע און אַרויסגעשטעלט די נויטווענדיקייט אַרײַנצוטרעטן אין דער ליבעראַלער פּאַרטיי, אַלס דער פּאַרטיי פֿון קאַפּיטאַליסטישן פּראָגרעס, וועלכע וועט ערשט שאַפֿן די הנחות פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רומעניע.

אַזוי האָט זיך געענדיקט אָט דער פּראָצעס פֿון צעפֿאַל מיטן פֿולן באַנקראָט פֿון דער פּאַרטיי. די געוועזענע פֿירערס, ראַדאָוויטש און מאַרצון, זענען געוואָרן מיניסטאָרן, און אויך אַ ריי אַנדערע אָנפֿירערס פֿון דער פּאַרטיי זענען פֿאַרזאָרגט געוואָרן מיט הויכע מלוכה-פּאָסטנס אין די רייען פֿון דער ליבעראַלער פּאַרטיי. די „צופּאַסונג“ איז דערגאַנגען ביז צו איר לאָגישן סוף. אין דער געשיכטע פֿון דער רומענישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז אַרײַנגעשריבן געוואָרן אַ שוואַרצער קאַפּיטל, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „פֿאַרראַט פֿון די דזשענעראָסס“ (generoși — ווײַטהאַרציקע).

נאָך דעם דאָזיקן אײַנבראָך פֿון דער אָפֿיציעלער רומענישער ס״ד פּאַרטיי איז די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אויף לאַנגע יאָרן אויך פֿאָרמעל פֿאַרבליבן די איינציקע פֿאַרטרעטערין פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רומעניע. פֿונדעסטוועגן האָט מען נישט געקענט דערוואַרטן, אַז דער דאָזיקער צוזאַמענבראָך זאָל לאָזן אומבאַרירט די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. אַנטוישונג און פֿאַרביטערונג האָבן אַרומגעכאַפּט אויך די ייִדישע אַרבעטער. די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט מיט אַזוי פֿיל באַגײַסטערונג, האָט זיך גענומען ברעקלען. דערצו האָט זיך אַלאָז געטאָן אַ כוואַליע רדיפֿות קעגן ייִדישע סאָציאַליסטן. די רעגירונג האָט קענטיק געוואָלט אויסלעשן דעם לעצטן פֿונק פֿון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד.

אין יענער צײַט האָבן זיך געוואַלדיק פֿאַרשאַרפֿט די רדיפֿות פֿון דער מאַכט קעגן ייִדן בכלל, צוזאַמען מיטן וווּקס פֿון אַן אַנטיסעמיטישער „פֿאָלקס-באַוועגונג", וואָס איז קינסטלעך געשאַפֿן און מיט אַלע כּוחות געשטיצט געוואָרן פֿון דער מאַכט. אין יאָר 1899 איז פֿאָרגעקומען אַ פּ אָ ג ר אָ ם אין י אַ ס, וואָס האָט געוואָרפֿן אַ שרעק אויף דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון רומעניע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מ אַ ס ן - ע מ י - ג ר אַ צ י ע, וואָס איז לויט איר רעלאַטיוון פֿאַרנעם און איר פּאַנישן כאַראַקטער אפֿשר די גרעסטע בײַ ייִדן אין יענע יאָרן.[19]

די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין מאָלדאַווע זענען ביסלעכווײַז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער די פֿאַרזייטע זאָמען פֿון סאָציאַליזם האָבן ווײַטער געשפּראָצט אין די הערצער פֿון די ייִדישע אַרבעט- און פֿאָלקס-מענטשן. אַרויסגעשיקטע און עמיגרירטע ייִדישע סאָציאַליסטן האָבן מיטגענומען זייער נײַעם גלויבן אין אַנדערע לענדער (אַמע-ריקע).[20] די איבערגעבליבענע אָבער האָבן געוואַרט, מאַכטלאָז קעגן דעם שטורעם פֿון אַנטיסעמיטישער רעאַקציע, אַז עס זאָל ווידער קומען די צײַט פֿאַר אַ נײַעם אָנהייב.

* * *

די ווײַטערדיקע געשעענישן — פֿון אָנהייב דעם יאָרהונדערט — געהערן שוין ניט צו דער תּקופֿה, וואָס איז די הויפּטטעמע פֿון אונדזער אַרטיקל. היות אָבער ווי זיי ציען זייער יניקה נאָך פֿון יענער תּקופֿה, וועלן מיר זיך אויף זיי קורץ אָפּשטעלן.

די רוסישע רעוואָלוציע פֿון 1905 האָט אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקן ווידער-קול אין רומענישן דאָרף. אָבער פּויערים רירן זיך לאַנגזאַם, און צוויי יאָר צײַט האָט געדויערט, ביז זיי האָבן זיך דאָ אויפֿגעהויבן און גענומען מאַרשירן מיט העק און קאָסעס. דער אָליגאַרכיע איז תּחילת געראָטן אָפּצוציען די באַוועגונג אויפֿן וועג פֿון אַנטי-ייִדישע פּאָגראָמען, אָבער באַלד איז דאָס גאַנצע לאַנד צעטרייסלט געוואָרן פֿון אַ מעכטיקער אַ ג ר אַ ר - ר ע וו אָ ל וּ צ י ע. דער נצחון פֿון דער רעאַקציע אין רוסלאַנד האָט געשטאַרקט די רעאַקציע אין רומעניע, וועלכע האָט געזעטיקט איר נקמה-דאָרשט אינעם בלוט פֿון 11 טויזנט צעשאָסענע פּויערים נאָכן דערשטיקן דעם אויפֿשטאַנד און האָט אַראָפּגעלאָזט איר פּויסט אויך אויף די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און קרײַזלעך אין אַלע טיילן לאַנד. גראָד האָט זיך צו יענער צײַט (1907) ערשט געהאַט געבילדעט די „סאָציאַליס-טישע אוניאָן". פֿיל הונדערטער סאָציאַליסטן, דאָס רובֿ ייִדן, זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון רומעניע („עקספּלוזאַרע-געזעץ"), צווישן זיי דער שפּעטער באַקאַנטער באָלשעוויס-טישער פֿירער ד"ר כ. ראַקאָווסקי, דער באַוווּסטער ייִדיש-רומענישער שרײַבער ב אַ ר ב וּ ל אַ ז אַ ר ע אַ נ וּ און פֿיל אַנדערע. די דאָזיקע מאַסן-אַרויסשיקונגען פֿון אייגענע בירגער

---

19 טויזנטער רומענישע ייִדן זענען דעמאָלט געלאָפֿן צופֿוס ביז קיין האַמבורג. די צאָל עמיגראַנטן איז גישט געגעבן; לויט אַ סטאַטיסטיק פֿון דער „ייִקאָ", זענען פֿון אָט דער געזעלשאַפֿט אַליין אין דער צײַט פֿון 1899 ביז 1912 געשטיצט געוואָרן 56.743 ייִדישע עמיגראַנטן פֿון רומעניע — ד"ה אַ זעקסט חלק פֿון דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

20 פֿון יענעם דור ייִדישע סאָציאַליסטן אין רומעניע, וואָס האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע און האָבן זיך דאָרט אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג, דאַרפֿן דערמאָנט ווערן: די פֿאַרשטאָרבענע צ י ס ע ר און ר אָ ז ע נ צ ווײַ ג; מ. ח ײַ מ אָ וו י ט ש, איינער פֿון די גרינדער פֿון דער אָרגאַניזאַציע „לומינאַ", וועלכער איז הײַנט אַ באַקאַנטער טוער אין אַרבעטער-רינג; וו ע ק ס ל ע ר, אַ מיטגליד פֿון „פֿאָרווערטס"-געזעלשאַפֿט. אַ גרויסע צאָל עמיגראַנטן פֿון יענער צײַט האָבן זיך צונויפֿגענומען אין דרײַ בראַנטשעס פֿון „אַרבעטער-רינג", איינער פֿון די דאָזיקע בראַנטשעס טראָגט דעם נאָמען „ד"ר געלערטער".

האָט אַרויסגערופֿן כמעט אין אַלע אייראָפּעיִשע פּאַרלאַמענטן שטאַרקע פּראָטעסטן, און די אַרויסגעשיקטע האָט מען שפּעטער געמוזט צוריק אַרײַנלאָזן.

אין רומעניע האָט זיך געשאַפֿן אַ נײַע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אונטער דער אָנפֿירונג פֿון ק. פֿרימו[21] און כ. ראַקאָווסקי. אויפֿן ערשטן קאָנגרעס פֿון דער פּאַרטיי (יאַנואַר — פֿעברואַר 1910) איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין פּראָגראַם די פֿאָדערונג פֿון גלײַכבאַרעכטיקונג פֿאַר די ייִדן אין רומעניע. מיר ברענגען דאָ טעקסטועל דעם דאָזיקן פּונקט פֿון פּראָגראַם:

„אַלגעמיינע גלײַכע וואַלרעכט צום פּאַרלאַמענט, צו די דיסטריקט- און קאָמונאַל-פֿאַרוואַלטונגען פֿאַר אַלע אײַנוווינער פֿון לאַנד [ניט פֿאַר אַלע בירגער. — י. ק.], אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע, נאַציע און געשלעכט, וואָס פֿאַרמאָגן ניט וועלכע ס'ניט איז אויסלענדישע בירגערשאַפֿט". ווײַטער: „אָפּשאַפֿן דעם געזעץ וועגן „עקספּולזאַרע", גלײַכע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט פֿאַר די היימישע „איזראַעליטן", פּונקט ווי פֿאַר געבוירענע רומענער".

די פֿאָדערונגען, פֿאַר וועלכע די יאַסער „לומיניסטן" האָבן יאָרן לאַנג געקעמפֿט און פֿאַר וועלכע זיי זענען אַזוי גערודפֿט געוואָרן פֿון דער אַלטער ס"ד פּאַרטיי-אָנפֿירונג, זענען אַלזאָ איצט אַרײַן אין דער אָפֿיציעלער פּראָגראַם פֿון דער באַנײַטער פּאַרטיי. די שאַטנס פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט זײַנען פֿאַרשווּנדן ווי אַ בייזער חלום.

צווישן די ערשטע, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין די רייען פֿון דער נײַער פּאַרטיי, זענען געוועזן די ייִדישע סאָציאַליסטן. די טוערס פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געבליבן געטרײַ דער באַוועגונג. פֿון דער גרופּע „לומיניסטן", וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן גערעדט, איז נאָר איינער אַוועק פֿון דער פּאַרטיי — ברוינשטיין, אַ געבילדעטער און טאַלענטפֿולער זשורנאַליסט, אָבער אויך ער איז ניט אַריבער צו אַוועלכער ס'ניט איז קאַפּיטאַליסטישער פּאַרטיי, נאָר איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער זשורנאַליסט אין דער ראַדיקאַל-דעמאָקראַטישער צײַטונג „אַדעוועררול" („Adevārul"), הײַנט די גרעסטע צײַטונג פֿון דער רומענישער דעמאָקראַטיע; ברוינשטיין, אונטער דעם ראָמאַניזירטן נאָמען „בראַנישטעאַנו", איז ביז צום הײַנטיקן טאָג איינער פֿון די הויפּט-רעדאַקטאָרן פֿון דער דאָזיקער צײַטונג. די אַנדערע פֿירערס פֿון דער אַמאָליקער „לומינאַ", געלער און געלערטער, זענען נאָך הײַנט טעטיק אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, דער ערשטער אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, דער לעצטער אין אַ לינקער גרופּע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פֿון דער פּאַרטיי. מאַקס וועקסלער איז געפֿאַלן אַ מאַרטירער: דעם 14טן מאַי 1917 (בעת ד"ר ראַקאָווסקי איז באַפֿרײַט געוואָרן פֿון דער רומענישער תּפֿיסה דורך רעוואָלוציאָנערע רוסישע סאָלדאַטן) האָט מען וועקסלערן אַרעסטירט און אים געשאָסן „פֿאַרן פּרוּוו צו אַנטלויפֿן".

די נײַ אויפֿגעלעבטע ס"ד אָרגאַניזאַציעס פֿון מאָלדאַווע זענען אויך איצטער אין זייער גרעסטן רובֿ געוועזן ייִדישע, אָבער — ספּעציעל ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס זענען אין רומעניע מער ניט געשאַפֿן געוואָרן. נאָר איין מאָל, אין יאָר 1915, ווערט געמאַכט אַ פּרוּוו אויפֿצובויען אַ ספּעציעלע ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין יאַס, אונטערן נאָמען „קרייז וועקער"; עס הייבט אָן ווידער אַרויסצוגיין אַ צײַטונג אונטערן אַלטן נאָמען „דער וועקער" (פֿון יולי 1915 ביז מערץ 1916). ווי די צײַטן האָבן זיך געביטן! מיט 20 יאָר צוריק האָט דאָס דערשײַנען פֿון „וועקער" אַרויסגערופֿן צאָרן און פֿאַרביטערונג מצד דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי-אָנפֿירונג; אין יאָר 1916 באַגריסט דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי-אָרגאַן (די טעגלעכע צײַטונג „לופּטאַ") דעם ייִדישן ברודער-אָרגאַן אין אַ וואַרעמען אַרטיקל. אָבער לאַנג האָט אָט די באַנײַטע „וועקער-

---

[21] C. Frimu — איז שפּעטער געשטאָרבן מיט אַ מאַרטירער-טויט. פֿרימו און ראַקאָווסקי ביידע זײַנען ניט קיין ייִדן.

אָרגאַניזאַציע נישט געלעבט. די שטרעבונגען ווידער אויפֿצובויען אַ ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע האָבן זיך נישט געקענט אַנטוויקלען, ווײַל באַלד איז אויך רומעניע אַרײַנגעריסן געוואָרן אין פֿײַער פֿון דער וועלט-מלחמה.

ווען מען באַטראַכט אָט די קורצע געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רומעניע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לאַגע פֿון די ייִדישע מאַסן אין לאַנד און אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז דער סך-הכּל אָט וועלכער:

די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע איז געווען די ע ר ש ט ע און איז געבליבן די א י י נ צ י ק ע באַוועגונג בײַ דער פֿולקום רעכטלאָזער ייִדישער נאַציע אין רומעניע, וואָס האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף פֿאַר ייִדישער עמאַנסיפּאַציע מיט די מיטלען פֿון זעלבסט-הילף און מאַסן-אַקטיוויטעט. די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געטרײַ אָפּגעהיט די פּרינציפּן פֿון פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף אין דער אייגענער צײַט, ווען די אָפֿיציעלע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז געגאַנגען אויף קרומע וועגן, זוכנדיק אַן אָנשפּאַר אין דער בורזשואַזיע און פֿאַרקויפֿנדיק די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן פֿאַרן פּרײַז פֿון נישטיקע פּאָליטישע „ערפֿאָלגן“.

אָט דאָס איז דער גרויסער היסטאָרישער פֿאַרדינסט פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין דער פֿאַרמלחמהדיקער רומעניע מיט פֿיר צענדליק יאָר צוריק.

## ל י ט ע ר אַ ט ו ר


„Lumina“, Organ al Cercului de Propagandă Social-Democrată „Lumina“, Jaşi 1895 — 1897.

„ד ע ר וו ע ק ק ע ר“, אָרגאַן דער סאָציאַלדעמאָקראַטישען גרופּפּע „לומינאַ“, יאַס 1896.

Dare de seamă despre desbaterile congresului al 2-lea al Social-Democraţiei Române, ţinut în Bucureşti în zilele de 20, 21 şi 22 Aprilie 1894 . Editura: Partidul Social-Democrat al Muncitorilor din România, Bucureşti 1894.

„Al 4-lea congres al Social-Democraţiei din România, ţinut în Bucureşti în zilele de 14, 15, şi 16 Aprilie 1897.“ Editura: Biblioteca ziarului „Lumea Nouă“, Bucureşti 1897.

„Programul Partidului Social-Democrat din România cu un comentar de Dr. C. Racovski“. Cercul de Editură Socialistă, Bucureşti 1914.

*M. Gh. Bujor*: „Privire asupra socialismului in România, schiţă dela reînviere la război (1899 – 1916)“. „Proletarul“ № 71, 18 Martie 1934. :אין זשורנאַל

*Constantin Graur:* „Căţiva Inşi“ — cu o notiţă întroductivă de T. Teodorescu Brănişte. Editura: „Adevărul“, Bucureşti.

*Constantin Graur*: „Portrete Socialiste“ – cuvânt întroductiv de Barbu Lăzăreanu. Editura: „Santier“, Bucureşti.

*Josef Kissman*: „Die Lage der Juden in Rumänien“, „Der Kampf“ :אין זשורנאַל Wien, Dezember 1918

ד״ר י. קיסמאַן: גרויס־רומעניע און אירע ייִדן, די פֿאַרגאַנגענהייט און די געגנוואַרט; „צוקונפֿט״ נו׳ 10 אָקטאָבער, ניו־יאָרק 1923.

„Condiţinnea juridică a izraeliţilor pământeni". Editura: Biblioteca ziarului „Lumea Nouă", Bucureşti 1898.

„Chestia Evreilor din România" — de un grup de evrei pământeni, Bucureşti 1910.

*Dr. E. Schwarzfeld*: „Evreii sub Reglementul Organic (I—IV)", Anuar pentru Izraeliţi pe anul 5651, Bucureşti 1890.

*Dr. E. Schwarzfeld*: „Evreii sub Reglementul Organic (V—VIII)", Anuar pentru Izraeliţi pe anul 5652, Bucureşti 1891.

*I. Negreanu*: „Impământenirile în România", Editura: Infrăţirea, Bucureşti 1914.

П. Б. Аксельрод: Пережитое и передуманное 1923 ,בערלין ,I ,ב׳ :זע אויך

# הוספה

## באַריכט

## פֿון דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע „לומינאַ״, פֿאָרגעלייגט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־ און געווערקשאַפֿטס־קאָנגרעס — לאָנדאָן, 1896.*

מיר באַדויערן זייער, וואָס מחמת דעם דוחק אין פֿינאַנציעלע מיטלען האָט נישט געקאָנט מקוים ווערן אונדזער ווונטש צו זײַן פֿאַרטראָטן אויפֿן קאָנגרעס דורך אייגענע דעלעגאַטן. מיר באַדויערן אָט דעם פֿאַקט נאָך מער דערפֿאַר, ווײַל עטלעכע פֿראַגן, וואָס זײַנען געשטעלט געוואָרן אויפֿן סדר־היום פֿונעם קאָנגרעס, האָבן אַ לעבנסוויכטיקע באַדײַטונג פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אַ מעכטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין רומעניע.

כדי צו געבן די דעלעגאַטן אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן אויך די „ייִדישע פֿראַגע״ פֿון רומעניע בײַ דער דיסקוסיע וועגן דער שטעלונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו די אונטערדריקטע פֿעלקער און זיך אַרויסצוזאָגן וועגן אָט דער פֿראַגע, ווילן מיר דאָ וואָס מער מקצר זײַן יענעם טייל פֿון אונדזער באַריכט, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט דער טעטיקייט פֿון אונדזער גרופּע, און דערפֿאַר ברייטער אַרומריידן די סאָציאַל־פּאָליטישע לאַגע אין רומעניע, וואָס דאַרף דינען פֿאַר אַ יסוד בײַם באַטראַכטן די דערמאָנטע פֿראַגע.

## I

אונדזער אָרגאַניזאַציע עקסיסטירט זינט מאַי 1895. זײַענדיק איבערצײַגט, אַז צו די ייִדישע אַרבעטער קען מען דערלאַנגען פּראָפּאַגאַנדיסטיש נאָר אין זייער דיאַלעקט, אין „ייִדיש־דײַטשן״ זשאַרגאָן, האָט דער פֿאַראיין „לומינאַ״ (Cercul, cercle) (ליכט) אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פֿון זײַן אַרבעט אויף אַ פּראָפּאַגאַנדע־אָרגאַן אין אָט דער שפּראַך. אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע־אָרגאַן דערשײַנט וועכנטלעך אונטערן נאָמען „דער וועקער״, אָנגעהויבן פֿונעם 1טן מאַי 1896. דאָס בלאַט באַגעגנט אַן ענטוזיאַסטישן אויפֿנעם מצד דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. עס וועקט אין דעם ייִדישן אַרבעטער דאָס שלאָפֿנדיקע קלאַסן־געפֿיל, עס לערנט אים דערקענען די שאַנד פֿון זײַן נאַציאָנאַלער און קולטורעלער אונטערדריקונג, עס לערנט אים רעאַגירן אויף רעכטלאָזיקייט און באַרבאַריזם, און רופֿט אים זיך צו אָרגאַניזירן צום פּאָליטישן קאַמף.

* איבערגעזעצט פֿון דײַטשן אָריגינאַל.

אחוץ דעם „וועקקער“ גיט דער פֿאַראיין אַרויס אַן אָפֿיציעלע צײַטשריפֿט אין רומעניש שפּראַך, וואָס דערשײַנט פֿון צײַט צו צײַט, איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין חודש, אונטערן נאָמען „לומינאַ“ (דאָס ליכט). אָט די צײַטשריפֿט פֿאַרנעמט זיך מיט דער טעאָרעטישער אָנפֿירונג פֿון אונדזער באַוועגונג, וואָס שטייט פּרינציפּיעל און טאַקטיש אין גאַנצן אויפֿן באָדן פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אונדזער גרופּע האָט נאָך נישט אויסגעבויט קיין פֿאָרמעלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע; דאָס איז נאָך נישט מעגלעך געווען פֿאַר דער קורצער צײַט פֿון אונדזער עקסיסטענץ. אחוץ אין שטאָט יאַס, ווו עס פֿונקציאָנירן גאַנץ נאָרמאַל עטלעכע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, געגרינדעט פֿון אונדז, פֿאַרמאָגן מיר כמעט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פֿון מאָלדאַווע־געגנט (די צפֿון־העלפֿט פֿון רומעניע) באַדײַטיקע אָנהענגער־גרופּעס, וואָס געפֿינען זיך איצטער אין פּראָצעס פֿון קאָנסטיטוירן זיך און זײַנען וואַקסנדיקע עלעמענטן פֿון אַ שפּראָצנדיקער אַרבעטער־פּאַרטיי, פֿון אַ נײַעם גליד אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

„פֿאָרויס“! איז אויך אונדזער שטענדיקער לאָזונג.

## II

די צאָל אײַנוווינער אין רומעניע האָט באַטראָפֿן אין יאָר 1889: 5,038,342; אין יאָר 1894: 5,405,249.

דערפֿון האָבן געלעבט אין יאָר 1889:

אין די שטעט: 885,700 (דערפֿון 63⁰/₀ אַנאַלפֿאַבעטן).

אין די דאָרפֿישע געמיינדעס: 4,152,642 („ 92⁰/₀ „ ).

פֿון ייִדישן אָפּשטאַם זײַנען געווען

| | אין 1889: | | אין 1894: |
|---|---|---|---|
| | 215,533, | | 243,225, דערפֿון: |
| אין די שטעט: | 163,771 | (=20⁰/₀) | 173,014 |
| אין די דאָרפֿישע געמיינדעס;[22] | 51,762 | (=1¼⁰/₀) | 70,211 |

נישט ווייניקער ווי אַ פֿינפֿטל פֿון דער שטאָטישער באַפֿעלקערונג איז בכן פֿון ייִדישן אָפּשטאַם. דאָס איז נישט קיין שיכט פֿון וואַנדערנדיקע פֿרעמדע, נײַערט עס זענען תּושבים, וואָס לעבן אין רומעניע טיילווײַז שוין הונדערטער יאָרן און זענען פֿאַרוואַקסן מיטן סאָציאַל־עקאָנאָמישן אָרגאַניזם פֿון לאַנד, אַזוי אַז ער קען זיך שוין מער נישט באַגיין אָן זיי. פֿונדעסטוועגן איז דאָס ווינרעכט פֿון אָט דעם פֿערטל מיליאָן (ייִדן) און בכלל זייער פּאָליטישע סיטואַציע אַזוי אומזיכער, ווי פֿון אַ וואַנדערנדיקן הויפֿן וואַגאַבונדן. נישטאָ אין גאַנץ אייראָפּע קיין איין פֿאָלק, וואָס זאָל אַזוי געפּײַניקט ווערן אויפֿן מלוכה־רעכטלעכן געביט, ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק אין רומעניע. אין דער מלוכה פֿונעם צאַרישן אַבסאָלוטיזם פֿאַרמאָגן די אײַנגעזעסענע ייִדן דאָס רעכט—און נוצן עס אויס—צו זאָגן אַ דעה אין געמיינדע־ענינים; אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער רומעניע אָבער—אין דער „בעלגיע פֿון אָריענט“—איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג, וואָס מוז טראָגן אַלע בירגערלעכע פֿליכטן און חובֿות, אויסגעשלאָסן פֿון אַלע בירגערלעכע רעכט. אויף דעם שענדלעכסטן אופֿן נוצט מען אויס דעם יורידישן באַגריף „străin“ (פֿרעמד): האַנדלט עס זיך וועגן צאָלן שטײַערן, דינען אין מיליטער, גיין אין מלחמה—דעמאָלט זײַנען ייִדן נישט קיין פֿרעמדע; האַנדלט זיך אָבער וועגן צוטריט אין די שולן, וועגן ווינרעכט, וועגן אויפֿנעמען אין שפּיטאָלן, וועגן אַוואַנסירן אין מיליטער־דינסט, וועגן שטעלעס אין דינסט פֿון דער געמיינדע אָדער פֿון דער מלוכה—זאָל זײַן אַפֿילו נאָר ווי גאַסן־קערער,—מיט איין וואָרט: יעדער מאָל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ר ע כ ט (פֿון ריין־פּ אָ ל י ט י ש ע רעכט שוין אין גאַנצן אָפּגערעדט),—

[22] באַזעצן זיך אין די דערפֿער איז פֿאַר ייִדן פֿאַרבאָטן געוואָרן דורך מיניסטערישע פֿאַראָרדענונגען. די אויבן דערמאָנטע 51,762 (אָדער 70,211) ייִדישע נפֿשות זײַנען דאָס רובֿ אויך שטאָטישע אײַנוווינער, זיי לעבן אָבער אין ערטער, וואָס פֿאַרמאָגן ווייניקער ווי 5000 אײַנוווינער און רעכענען זיך מחמת דעם אָפֿיציעל פֿאַר דאָרפֿישע געמיינדעס.

דעמאלט געהערן די יידן צו דער קאטעגאריע „פרעמדע", נישט געקוקט דערויף, וואס זיי האבן נישט קיין שום שייכות צו צוועלכער ס'איז אנדערער מלוכה-צוגעהעריקייט, אחוץ דער רומענישער. די אדוואקאטור, אפטייקעריי, שענקווירטשאפט אין די דערפער זיינען פארשלאסענע פרנסות פאר יידן.

די סיסטעמאטישע אויסשליסונג פון די יידן פון יעטוועדן מלוכה-אמט נעמט ארום אויך אלע פאלן, ווען די מלוכה טרעט ארויס ווי אן ארבעטס-געבער, ווי א פריוואטער עקספלואטאטאר, למשל — אין דער טאבאק-פראדוקציע, וואס פון איר פלעגן יידישע ארבעטערינס אין די פריערדיקע צייטן ציען זייער הירונה; ווייטער — אלע אונטערנעמונגען, וואס זענען אפהענגיק פון דער מלוכה אדער וואס ווערן סובסידירט דורך דער מלוכה (לעדער-, פאפיר-אינדוסטריע א"א). ווינען אין די דערפער איז די יידן פארווערט געווארן דורך מיניסטערישע פארארדענונגען.

נאך טרויעריקער אבער איז דער אופן, ווי אזוי עס ווערן אויסגעפירט אט די געזעצלעכע באשטימונגען. דער ווילדווילן און די עם-הארצות פון די חוצפהדיקע רומענישע באאמטע פירט אויף איין זייט צו ברוטאליטעט און עקסצעסן,23 אויף דער אנדערער זייט — עפנט עס אויף ברייט דעם טויער פאר קארופציע און שאנטאזש. אין דאס רוב פאלן האבן די יידן קיין שום אנדערע ברירה נישט, ווי אלץ אריבערצוטראגן מיט הכנעהדיק איינגעבויגענע קעפ. פרייהייט פון פארזאמלונגען און פאראיינען, די רעדע- און פרעסע-פרייהייט, וואס זיינען פארזיכערט דורך דער קאנסטיטוציע פאר יעדן בירגער, עקסיסטירן נישט פאר יידן איבער דעם ארויסשיקונגסגעזעץ, וואס גיט דער רעגירונג די מעגלעכקייט יעדן „פרעמדן" ארויסצושיקן איבערן גרענעץ אין משך פון 24 שעה צייט.

מיר האבן אבער נישט איין זינען צו שילדערן פארן קאנגרעס דעם מצב פון אן אומגליקלעכן פאלק, כדי צו געווינען פאר אים סימפאטיעס אין נאמען פון הומאניטעט, ציוויליזאציע און גערעכטיקייט: מיר באטראכטן די לאגע אין דער ערשטער ריי פונעם שטאנדפונקט פון היסטארישן מאטעריאליזם, און מיר קומען צום אויספיר, אז די יידישע באפעלקערונג פון רומעניע, וואס איז פונאנדערגעטיילט אויף א בירגערלעכן, א מיטלקלאס און אן ארבעטער-קלאס, איז פאר אט דעם לאנד אן עקאנאמישער פאקטאר פון אן אנטשיידנדיקער באדייטונג. פון די סטאטיסטישע ציפערן, וואס מיר גיבן דא איבער, איז געדרונגען, אז די פויערישע באפעלקערונג, וואס נעמט נישט און קאן נישט נעמען קיין אנטייל אין פאליטישן לעבן פון דער מלוכה, באטרעפט אריבער 4/5 פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג. די אייגנטלעכע עקאנאמישע און פאליטישע טעטיקייט פונעם לאנד קאנצענטרירט זיך אויסשליסלעך אין די שטעט, וואס זענען די אייגנטלעכע, די איינציקע אנטוויקלונגס-פונקטן פאר מסחר און אינדוסטריע, פארן קאפיטאליסטישן רעזשים און פאר'ן אייראפעישן שטייגער לעבן בכלל. אין די שטעט בילדן אבער די יידן די מערהייט,24 אין איינצלנע ערטער זיינען זיי דער איינציקער עלעמענט, וואס פארנעמט

---

23 א געוויסע צאל ארויסגעשיקטע יידן, וואס מען האט ניט אריינגעלאזט אויף יענער זייט דונאי, זיינען פון די באאמטע אריינגעווארפן געווארן אין טייך און דערטרונקען געווארן. מיט א באזונדערער גרוזאמקייט ווערן ארויסגעטריבן די יידן פון די דערפער, אפט מאל אין מיטן ווינטער. דאס רוב זענען דאס פראלעטארישע און קליין-בירגערלעכע עלעמענטן, וואס באשעפטיקן זיך אין יענע דערפער שוין דורות-לאנג מיט זייערע ארעמע מלאכות. פון צייט צו צייט דרינגט דורך אין דער עפנטלעכקייט די ידיעה וועגן עקסצעסן אין גרעסערע ערטער; למשל, דא נישט לאנג זיינען געווען ידיעות וועגן פייניקונגען אין באקאו (אפריל 1896) און אין סאטוען (יוני 1896); אין דאס רוב פאלן אבער ווערט פארהילכט דער יאמער-געשריי פון די אונטערדריקטע און ווערט פון קיינעם נישט געהערט. צום באדויערן מוזן מיר זיך אפזאגן דערפון איבערצוגעבן דא די אומענדלעך גרויסע רשימה פון די שוידערהאפטע עקסצעסן.

24 פראצענטועל באטרעפט די יידישע באפעלקערונג: אין פאלטיטשען — 63%, דאראהאי — 59%, באטאשאן — 54%, באקאו — 52%, יאס — 50%, פיאטרא-נ. — 48%, וואסלוי — 44%, ראמאן 40%. אט די ציפערן זיינען בארעכנט לויט דער צאל פון דער גאנצער באפעלקערונג אין די דערמאנטע שטעט. אין פארגלייך צו דער ריין רומענישער באפעלקערונג זיינען דאס א סך העכערע פראצענטן.

זיך מיט מסחר און מלאָכה. עס איז פֿאַרשטענדלעך דעריבער די שטאַרקע ראָלע פֿונעם דאָזיקן עלעמענט.

פֿון דער אַנדערער זײַט פּאַסן זיך נישט אַרײַן די שטאָטישע שיכטן פֿון דער רומעניש־ער נאַציע (ריכטיקער געזאָגט: פֿון דער קריסטלעכער[25] רעליגיע) אין דעם גאַנג פֿון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. זיי באַשטייען פֿון גרויסע גרונטבאַזיצער, וואָס גייען מאַטעריעל צו גרונט איבער דער אויסערן־אייראָפּעיִשער קאָנקורענץ, פֿון אַן אומפּעיִקער און דעמאָראַלי־זירטער ביוראָקראַטיע[26] און פֿון אַ קינסטלעך אויפֿגעכאָוועטער בורזשואַזיע, וועלכע איז ווײַט אָפּגעשטאַנען אין איר פּראָפֿעסיאָנעלער צוגעפּאַסטקייט לגבי דער ייִדישער בורזשואַזיע.

אין דער מאָלדאַווע איז אָט די „רומעניש־ע" בורזשואַזיע פֿאַראַן אין אַ גאַנץ קליינער צאָל; אַזוי למשל, רעכענען זיך אין יאַס נישט קיין גאַנצע 40 ריכטיקע רומענישע סוחרים, וועלכע פֿאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע פּראָפֿעסיעס, ווי אַפּטעקערײַ, בוכדרוקערײַ וכדומה; אַזוי אויך אין באָטאָשאַן, פּיאַטראַ־נ. [נעאַמץ], פֿאַלטיטשען, באַקאַו אאַז"וו.

דער קאַמף[27] פֿון אָט די קלאַסן קעגן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז אין דער זעלביקער צײַט אַ קאַמף פֿון די פֿעאָדאַל־רעאַקציאָנערע געזעלשאַפֿט־קלאַסן (סאָציאַלע קלאַסן) קעגן דעם וויכטיקסטן שטאָטישן עלעמענט. שטערן אָט דעם עלעמענט אין זײַן אַנטוויקלונג הייסט אָבער צוריקשטויסן דעם מאָדערנעם אייראָפּעיִשן קאַפּיטאַליסטישןווירטשאַפֿטס־אופֿן, הייסט דערשטיקן אין סאַמע אָנהייב די אַנטוויקלונג פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס האַלט אין פֿאָרמירן זיך. די סתירות־פֿולע יורידישע לאַגע פֿון די ייִדן אין רומעניע רירט אָן אַלזאָ נישט בלויז די אינטערעסן פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע, דער שווערסטער עול ליגט אויפֿן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, ווײַל אָט די לאַגע נעמט בײַ אים אַוועק די מעגלעכקייט זיך צו אָרגאַניזירן פּראָפֿעסיאָנעל, קולטורעל און פּאָליטיש.

מיר האָבן דאָ איבערגעגעבן אַ קורצע סקיצע פֿון דעם קלאַסן־מצבֿ אין רומעניע, פֿון וועלכער ס'איז צו זען, אַז די ייִדישע בורזשואַזיע און דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אַנטוויקלען זיך בײדע פּאַראַלעל און אַז אָט די בײדע קלאַסן האָבן אַ שותּפֿותדיקן אינטערעס זיך צו דער־שלאָגן פּאָליטישע רעכט אין דער רומענישער מלוכה. כּל זמן דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט — אין רומעניע דער פּראָלעטאַריאַט „פֿאַר עקסעלאַנס"[28] — וועט נישט באַקומען די מעגלעכקייט פֿאַר

[25] מיטן נאָמען „פֿרעמד" באַנוצט מען זיך ספּעציעל שטרענג קעגן ייִדן. קריסטן פֿון אַנדערע נאַציעס (למשל, גריכן, בולגאַרן און אַנדערע) קענען לײַכט אַרײַנדרינגען, אַפֿילו אָן אַ פֿאָרמעלער נאַטוראַליזאַציע, אין רומענישן מלוכה־דינסט. ווי ווײַט ס'גייט אָט דער אומפֿאַרשעמטער מיסברויך, קאָן מען זען דערפֿון, וואָס טייל מאָל האָבן אַזעלכע פּסעוודאָ־רומענער, אַ דאַנק זייערע פֿאַמיליע־באַציִונגען, זיך געלאָזט אויסקלײַבן אין דער רומענישער קאַמער.

[26] דער געוועזענער מיניסטער קאַרפּ האָט כאַראַקטעריזירט אויף אַ טרעפֿיקן אופֿן דעם רומענישן בירגער מיט די ווערטער: „דער רומענער ווערט געבוירן אַ סטיפּענדיאַט, לעבט ווי אַ באַאַמטער און שטאַרבט אַ פּענסיאָנער".

[27] די הערשנדיקע רומענישע קלאַסן, וואָס זײַנען אַנטיסעמיטיש מחמת זייער זעלבסטאויפֿהיטונגס־אינסטינקט און באַקעמפֿן אויפֿן שאַרפֿסטן אופֿן נישט נאָר די פֿאָדערונג וועגן בירגעררעכט פֿאַר ייִדן, נײַערט זיי פּרוּוון אויך שטענדיק צו באַגרענעצן די רעכט, צו וועלכע ייִדן האָבן זיך שוין דערשלאָגן, שטעלן זיך אַקעגן דער ייִדישער בורזשואַזיע און דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ געשלאָסענע גאַנצקייט יעדעס מאָל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פֿאַרפֿאָלגן די ייִדן און בײַ זיי אַוועקצונעמען די לעצטע רעכט, הגם די אייגענע הערשנדיקע קלאַסן באַקעמפֿן זיך איינע די אַנדערע ווי ליבעראַלן און קאָנסערוואַטיווע.

[28] אין רומעניע איז די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט דער קאָמפּאַקטסטער און וויכטיקסטער טייל פֿונעם פּראָלעטאַריאַט. די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט פּאַסט זיך צו צום בעסטן צו די פֿאָדערונגען פֿונעם בירגערלעך־קאַפּיטאַליסטישן אַרבעטס־אופֿן. אויך קולטורעל שטייט די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט העכער און פֿאַרמאָגט מער אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייט פֿונעם רומעניש־קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט; כּמעט יעדער ייִד קאָן לייענען און שרײַבן לכל הפּחות די העברעיִשע שריפֿט. עס דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן, אַז די ייִדישע יוגנט קאָן זיך לײַכט אויס־לערנען די דײַטשע שפּראַך און אַז זי איז מסוגל צו זײַן אַ צילבאַוווּסטע פֿאַרטרעטערין פֿון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין די דונאַי־לענדער.

פּאָליטישער טעטיקייט, וועט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין רומעניע ניט קאָנען ווערן קיין שטאַרקע אַרבעטער-פּאַרטיי. אויסקעמפֿן בירגערלעכע רעכט — אָט וואָס ס׳מוז זײַן דער קאַמפּלאָזונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט, ווײַבאַלד זי האָט זיך דערוועקט צום קלאַסן-באַוווסטזײַן. אין אָט דעם קאַמף האָט די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט אַ נאַטירלעכן מיטקעמפֿער אין דער ייִדישער בורזשואַזיע. די דאָזיקע לאַגע פֿאָדערט אַ געהעריקע טאַקטיק פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

מען האָט צו אונדז אַ טענה, אַז ס׳איז ניט נוצלעך פֿאַר די אַרבעטער-אינטערעסן אוועקצולייגן דאָס הויפּטגעוויכט פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּראָפּאַגאַנדע אויפֿן קאַמף פֿאַר די פּאָליטישע רעכט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, דערפֿאַר, וואָס די ייִדישע גרויס-בורזשואַזיע וואָלט באַקומען די איבערהאַנט, אויב ייִדן וואָלטן געקראָגן בירגעררעכט.

דאָס וואָלט אָבער געווען אַ געוווּנטשענער פֿאָרשריט פֿאַרן לאַנד און וואָלט פֿאָרויס געשטופּט דעם פּראָלעטאַריאַט. די ייִדישע בורזשואַזיע איז אין רומעניע דער וויכטיקסטער אַגענט פֿונעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, וועלכער נייטיקט זיך אין פּאָליטישע רעכט, כּדי צו קאָנען אינוועסטירן געלט-קאַפּיטאַלן אין אינדוסטריעלע און אַלע אַנדערע מעגלעכע אונטערנעמונגען, זײַענדיק דערבײַ זיכער מיט דער בירגערשאַפֿט. די ייִדישע בורזשואַזיע האָט „אַ שוין רעאַקציאָנערע", אָבער אויך „נאָך אַ רעוואָלוציאָנערע" זײַט. לגבי דער ייִדישער בורזשואַזיע מוז מען פֿאַרנעמען די אייגענע שטעלונג, ווי מאַרקס און ענגעלס האָבן פֿאַרנומען אין יאָר 1847 לגבי די שותּפֿותדיקע רעכט פֿון דער פּרײַסישער בורזשואַזיע און דעם פּרײַסישן פּראָלעטאַריאַט.[29] אָט דעם אייגענעם שטאַנדפּונקט פֿאַרנעמט אויך דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט" לגבי דעם נאָך אָפּגעשטאַנענעם בירגערטום: די היסטאָרישע אַנטוויקלונג באַרעכטיקט די דאָזיקע שטעלונג. אָט די בשותּפֿותדיקע פּלאַטפֿאָרמע פֿאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע און פֿאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט שאַפֿט ניט אָפּ דעם קלאַסן-קעגנזאַץ צווישן זיי, און ס׳איז אַ חובֿ פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע נישט צו פֿאַרגעסן די עקאָנאָמישע היפּוכים, בשעת זי לערנט דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט באַנוצן זיך מיט דער מאַכט פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע אין קאַמף פֿאַר דערשלאָגן זיך צו פּאָליטישע רעכט.

* * *

אַזוי ווי יעדע קאַפּיטאַליסטישע מלוכה, וואָס איז אָפּגעשטאַנען אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, איז אויך רומעניע אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער השפּעה פֿונעם גרויס-אינדוסטריעלן מערבֿ. איבער איר עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט איז זי געצוווּנגען אַראָפּצוואַרפֿן פֿון זיך דאָס אַזיאַטישע און זיך צופּאַסן, ניט געקוקט אויף די קעגן-ווירקונגען, צום אינטערנאַציאָנאַלן לעבנס-אופֿן. זי וואַרפֿט זיך אונטער אָט דעם „מוז" קודם נאָר פֿאָרמעל, די אַנטוויקלונג הינקט פּאַמעלעך נאָך. אָט פֿונוואַנען עס נעמט זיך דאָס אויבנאויפֿיקע פֿון אַלע אײַנריכטונגען, די פֿאַרשלייערטע ווילדקייט פֿון די פֿאַרהעלטענישן אין רומעניע. כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן רומענישן פּאָליטיק-מאַכער איז די פֿראַגע, וועלכע ס׳שטעלט זיך דער פּשוטער רומענישער קליינבירגער: „וואָס זשע וועט זאָגן דערצו אייראָפּע?!" אייראָפּע איז פֿאַר די רומענישע פּאָליטיק-מאַכער דער שפּיגל, אין וועלכן זיי זעען ערשט דאָס בילד פֿון דער היימישער ווירקלעכקייט. פֿאַר אייראָפּע וואָלטן זיי געוואָלט באַהאַלטן — נישט זעלטן מיט דער הילף פֿון שווינדל און שקר — אַלע זייערע היימישע עוולות און חטאים. פֿאַרן בליק פֿון אייראָפּע ציטערט דאָס בייזע געוויסן פֿון די כיטרע נאַציאָנאַליסטישע צבֿועקעס. ביז איצטער האָט עס זיך אײַנגעגעבן צו פֿאַרדעקן מיט שטילשווײַגעניש די „ייִדישע פֿראַגע". אַ ייִד, וואָס וואָלט זיך דערוועגט צו רעדן אין אויסלאַנד וועגן זײַן רעכטלאָזער לאַגע, וואָלט באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ „פֿאַררעטער". זינט דעם בערלינער שלום-אָפּמאַך זענען אַריבער באַלד שוין 20 יאָר (1878), און נאָך ביז הײַנט זענען ניט אויסגעפֿירט געוואָרן די דיפּלאָמאַטישע הבֿטחות, וואָס רומעניע האָט דעמאָלט געגעבן. די ספּעציעלע „ייִדישע פֿראַגע" פֿון

---

29 דעמאָלט, ווען דער פּרײַסישער לאַנדטאַג האָט אָפּגעוואָרפֿן די הלוואה, וואָס איז פּראָיעקטירט געווען פֿון דער פֿעדעראַלער רעגירונג פֿאַר בויען די מזרח-באַן (Neue Zeit, XIV, II ,399).

רומעניע, וועלכע באַשטייט אין דעם, וואָס עס פעלן מענטשנרעכט, היימרעכט און בירגעררעכט פאַר די ייִדן אין רומעניע, טאָר נישט פאַרביטן ווערן מיט דער אַלגעמיינער ייִדיש־נאַציאָנאַלער פראַגע. די רומענישע „ייִדישע פראַגע״ איז נאָך ווייניק אַרומגערעדט געוואָרן אין אויסלאַנד, זי איז נאָך נישט באַקאַנט אין אייראָפּע.

* * *

באַלייַכטנדיק דעם עקאָנאָמיש־פּאָליטישן מצב אין רומעניע, האָבן מיר, דאַכט זיך, גענוג קלאָר דערוויזן, ווי שטאַרק פאַראינטערעסירט ס׳דאַרף זייַן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַז ס׳זאָל פאַרענטפערט ווערן די „ייִדישע פראַגע״. זאָל דער קאָנגרעס אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאָרשלאָג פון דער פראַנצויזישער אַרבעטער־פּאַרטיי און פון די אויספירונגען פונעם חבר זשאָרעס אַרייַנציען אויך די ייִדישע פראַגע פון רומעניע אין דער דיסקוסיע און אויסדריקן זייַן שטעלונג לגבי דעם ייִדישן פאָלק אין רומעניע אַזוי ווי לגבי אַלע אונטער־דריקטע פעלקער.

זאָל לעבן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע!

די אָנפירונג פונעם פאַראיין „לומינאַ״ (יאַס)

מ. הימאָוויטש, ל. געלערטער, לעאָן געלער,

ראובן שוואַרץ, מאַקס וועקסלער.

פון דער רעדאַקציע:

די ייִדישע פראַגע איז צום ערשטן מאָל געשטעלט געוואָרן, דורכן דעלעגאַט פון די „ייִדישע געווערקשאַפטן אין אַמעריקע״ אַב. קאַהאַן, נאָך אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָצ׳ קאָנגרעס אין בריסעל 1891, אָבער ווייט ניט אַזוי שאַרף, ווי די ייִדיש־רומענישע סאָציאַליסטן פון „לומינאַ״ האָבן זי געשטעלט אין לאָנדאָן 1896; זע וועגן דעם ווייטער דעם אַרט׳ פון א. טשער., וועגן דער ייִדן־פראַגע אויף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָצ׳ קאָנגרעסן.״

מיר ווילן נאָך אָנווייַזן, אַז אין דער פראַנצ׳ סאָצ׳ צייַטונג „L'Humanité Nouvelle“ (פּאַריז, 1897, ז׳ 364 א״וו) איז געווען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פון מאַרקולעסקו וועגן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רומעניע, ווו עס ווערט דערציילט, אַז אין יאַס עקסיסטירט אַן אָפּגעשפּאָלטענע גרופּע „לומינאַ״, וואָס גיט אַרויס אַ צייַטונג מיטן זעלביקן נאָמען; איינע פון די סיבות פון דער אָפּשפּאַלטונג איז, וואָס די רומענישע ס״ד פּאַרטיי האָט ניט מסכים געווען אַרויסצושטעלן די פאָדערונגען פון רעכט, און ספּעציעל פון וואַל־רעכט פאַר „אויסלענדער״ (ייִדן) און צו פירן די פּראָפּאַגאַנדע „לויט נאַציעס״.

# דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע*

## פֿון ד״ר יעקבֿ בראָס (קראָקע)

די דאָזיקע אַרבעט איז נאָר אַ סקיצע. די מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע זײַנען נאָך עד היום נישט צונויפֿגעזאַמלט. אין די עפֿנטלעכע ביבליאָטעקן זײַנען ניט פֿאַראַן קיין פֿליכט־עקזעמפּלאַרן פֿון די ערשטע סאָציאַליסטישע פּובליקאַציעס אין ייִדיש: ניט פֿון דער „וואהרהייט״ („האמת״) וואָס זאָל האָבן דערשײַנט אָנהייב 1892,[1] ניט פֿון דער „אַרבייטער־שטימע״[2] און ניט פֿון „דאָס ייִדישע פֿאָלקס־בלאַט״, אַרויס 1896. די אַרכיוו־מאַטעריאַלן, אין דער פֿאָרם פֿון פּראָטאָקאָל־ביכער פֿון די ייִדישע אַרבעטער־פֿאַראײנען, וואָס זײַנען געווען טעטיק אין די 90ער יאָרן אויפֿן שטח פֿון גאַליציע, ספּעציעל פֿון די פֿאַראײנען „ברידערלעכ־קייט״, זײַנען אַריבערגעשיקט געוואָרן בשעתו, לויט פּריוואַטע ידיעות, אין אַרכיוו פֿון פּפּ״ס אין לאָנדאָן. ווו זיי געפֿינען זיך איצט, איז אומבאַקאַנט. די סאָציאַליסטישע טוער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די אָנהייבן פֿון דער באַוועגונג, זײַנען שוין כמעט נישטאָ. אַ טייל פֿון זיי זײַנען נאָך לאַנגע יאָרן פֿון אַרבעט פֿאַר דער צײַט אַוועק פֿון דער וועלט; אַ טייל פֿון די, וואָס זײַנען געבליבן בײַם לעבן, זײַנען ווײַט אַוועק פֿון דער באַוועגונג, נישט האָבנדיק שוין מער קיין גײַסטיקע פֿאַרבינדונג מיט דער אידעע, וואָס איז זיי אַמאָל נאָענט געווען, און זײַנען נישט מער בכּוח צו רויסצובאַקומען פֿון זייער זיכּרון די זכרונות פֿון דער יוגנט־תּקופֿה; אַנדערע ווידער, וואָס זײַנען אַמאָל געווען טעטיק, זײַנען דורך די זאָרגן פֿון דער גרויער טאָג־טעגלעכקייט געוואָרן אָפּגעריסן פֿון דער באַוועגונג. מאָנאָגראַפֿישע באַאַרבעטונגען פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער אַמאָליקער גאַליציע פֿעלן בײַ אונדז, און איך גלייב, אַז מײַן אַרטיקל אין „רויטן פּנקס״ (ב׳ 2) „צו דער געשיכטע פֿון דער יסד״פּ אין גאַליציע״ איז דער ערשטער סינ־טעטישער פּרווו צו געבן אַ בילד פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג.

---

* וועגן דעם אָנהייב פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע,—אַ געביט, וואָס איז היסטאָ־ריש ווייניק אויסגעפֿאָרשט,—גיבן מיר דאָ דרײַ אַרטיקלען פֿון דרײַ אַקטיווע אַרבעטער־טוער, וואָס יעדערער פֿון זיי באַלײַכט אַן אַנדער מאָמענט פֿון דער באַוועגונג: ד״ר יעקבֿ בראָס גיט אַן אַלגעמיינע כאַראַקטע־ריסטיק פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע בכלל און פֿון דער צײַטונג „דער אַרבייטער״ בפֿרט; ד״ר קאַרל אײַנאײַגלער באַשרײַבט ספּעציעל דעם ערשטן ייִדישן מאַי־אויפֿרוף און דעם מאַי־נומער פֿון „אַרבייטער״ 1894, און ש. בלום גיט אַ כאַראַקטעריסטיק פֿון די פּיאָנערן און די באַציִונגען צווישן דער ייִדישער און דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע. — רעדאַקציע.

[1] אַ ידיעה וועגן דעם געפֿינען מיר אין דעם אָרגאַן פֿון די אַסימילאַטאָרן Ojczyzna (לעמבערג), נו׳ 3 פֿון 1טן פֿעב׳ 1892, ווו מיר לייענען: „די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי אין לעמבערג האָט איַנ־געזען, אַז דאָס רובֿ ייִדישע אַרבעטער באַנוצן ניט קיין אַנדער שפּראַך חוץ דעם „זשאַרגאָן״, און האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג אין „זשאַרגאָן״ און דער ערשטער נומער פֿון דער צײַטונג—„וואהרהייט״ („האמת״) וועט אין גיכן דערשײַנען״. די דאָזיקע צײַטונג האָט קאָנטיק ניט דערשײַנט, — לכל־הפּחות האָט מען אין ערגעץ ניט געקאָנט געפֿינען.

[2] די „אַרבייטער־שטימע״ איז אַרויס אין 1892; זע הײַטער, קאָפּ׳ 2.

# I

ווי באַקאַנט, איז גאַליציע בעת דער ערשטער צעטיילונג פֿון פּוילן אין 1772 אָפּגעריסן געוואָרן בײַ דער פּוילישער מלוכה און איז פֿאַרבליבן, ווי אַ טייל פֿון די האַבסבורגישע קרוינלענדער ביז צו דער צײַט, ווען אויף די חורבות פֿונעם צאַרישן רוסלאַנד, פֿון האַבסבורגישן עסטרײַך און האָהענצאָלערן-דײַטשלאַנד איז צוריק אויפֿגעשטעלט געוואָרן דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן. נאָר איין טייל פֿון גאַליציע האָט אַ געוויסע צײַט גענאָסן אַ שטיקל פֿרײַהייט—דאָס איז געווען די פֿרײַשטאָט קראָקע מ׳ט איר סבֿיבֿה, וועלכע איז געבליבן אַ באַזונדערע אַדמיניסטראַטיווע איינהייט זינט דעם ווינער קאָנגרעס 1815 ביז צו דער אונטערדריקונג פֿון דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1846.

גאַליציע איז געווען אַן אַגראַרלאַנד. דער גרעסטער טייל ערד האָט זיך געפֿונען אין די הענט פֿון גרויסע גרונד-באַזיצערס, וועלכע האָבן זיך אין אַ גרויסער מאָס געשטיצט אויף דער „פּאַנשטשיזנע"-אַרבעט פֿון די פּויערים. גאַליציע איז געווען אַדמיניסטרירט דורך דעם קייזערלעכן שטאַטהאַלטער און דורך סטאַראָסטעס. די אַמטלעכע שפּראַך איז געווען אין אָנהייב לאַטײַניש און שפּעטער דײַטש. ווי גאַנץ עסטרײַך, איז גאַליציע אויך געווען אַדמיניסטרירט שטרענג צענטראַליסטיש ביז דער צײַט, ווען ס׳איז אײַנגעפֿירט געוואָרן די קאָנסטיטוציע. דער רעזשים האָט זיך געשטיצט אויף דער לאָיאַליטעט פֿון דער פּוילישער שליאַכטע און אויף דער פֿינצטערקייט פֿון די פֿאָלקסמאַסן. ייִדן זײַנען געווען אַ קלאַס פֿון אַרענדאַרן, פֿאַקטערס, פּראָפּינאַטאָרן, קרעמערס און טיילווײַז בעלי-מלאָכות; מ׳איז געווען פֿרום, אַ טייל איז געווען פֿאַרטאָן אין רעליגיעזע ספֿרים. אין לאַנד בכלל האָט געהערשט אַ שטילקייט, נאָר טיילמאָל האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט שטראַלן פֿון דער פּוילישער עמיגראַציע, וועלכע האָט, נאָכן דורכפֿאַל פֿון אויפֿשטאַנד 1831, געשאַפֿן אין פּאַריז, בריסל און דרעזדן צענטערס, וואָס האָבן זיך געגרייט צו אַ נײַעם אויפֿשטאַנד. אַ רעוואָלוציאָנערן שטראָם האָבן אַרײַנגעטראָגן די קאַמפּן פֿון 1848 און דער אויפֿשטאַנד פֿון 1863, וואָס האָבן אַרויסגערוקט פּאָליטישע און סאָציאַלע לאָזונגען. פֿון ייִדישן שטאַם האָבן זיך דאָ און דאָרט אָפּגעריסן יחידים, וועלכע האָבן זיך געצויגן צום ליכט פֿון דער אייראָפּעישער קולטור און אייניקע האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די דאָזיקע אויפֿשטאַנדן. דאָ און דאָרט האָט זיך אויפֿגעטרייסלט אויף אַ רגע דער אויבערפֿלאַך פֿונעם שטילן ים פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. די קאָנסטיטוציע אין עסטרײַך פֿון יאָר 1867 האָט געגעבן דעם ערשטן שטויס צו אַ פּאָליטישן לעבן אין גאַליציע. די ייִדישע מאַסן זײַנען אָבער דורך דער נײַער עפּאָכע נישט מיטגעריסן געוואָרן; אין זייער נאָמען האָבן נאָך אַלץ גערעדט די קהלשע תּקיפֿים, איינצלנע פֿאַרמיטלער צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג און דער רעגירונג.

אין גאַליציע האָט פֿון שטענדיק אַן געהערשט אַ געוואַלדיקע נויט. סטאַניסלאַוו שטשעפּאַנאָווסקי האָט צום סוף פֿון די 80ער יאָרן אַרויסגעגעבן אַ בוך „די נויט אין גאַליציע"[3] אין וועלכן ער גיט אָן, אַז כּמעט 50 טויזנט מענטשן יערלעך שטאַרבן אויס אין גאַליציע פּשוט פֿון הונגער; אַן אַרבעטער אין גאַליציע פֿאַרדינט אַ צענטל פֿון דעם, וואָס אַן אַרבעטער אין אויסלאַנד, און דערנערט זיך מיט אַ פֿערטל פֿון דעם, וואָס אַן אַרבעטער אין אַנדערע לענדער. גאַליציע איז געוואָרן כּמעט אַן עסטרײַכישע קאָלאָניע, אַן אָפּזאַצמאַרק פֿאַר דער מערבֿ-עסטרײַכישער אינדוסטריע, וואָס האָט געשטערט און ניט צוגעלאָזט, אַז אין גאַליציע זאָל זיך אַנטוויקלען אַן אייגענע אינדוסטריע. די אינדוסטריאַליזירונג פֿון גאַליציע איז געוואָרן דער לאָזונג פֿון איינצלנע אינדוסטריע-פּיאָנערן; מען האָט געגלייבט, אַז די אַנטוויקלונג פֿון דער נאַפֿט-אינדוסטריע און דער בוי פֿון פֿאַבריקן וועט ברענגען די גאולה דעם לאַנד. אויף וויפֿל עס האַנדלט זיך וועגן דער

---

3 Stanisław Szczepanowski, Nędza Galicji w cyfrach, 1888.

לאַגע פֿון די ייִדישע מאַסן, איז דאָס עקאָנאָמישע בילד נאָך טרויעריקער; גאַליציע האָט צו יענער צייַט געהאַט אַ באַפֿעלקערונג פֿון 6.608.000, דערפֿון זײַנען געווען 770 טויזנט ייִדן, וועלכע האָבן אויסגעמאַכט 11,7 פּראָצ' פֿון דער באַפֿעלקערונג.

די ווירטשאַפֿטלעכע סטרוקטור פֿון לאַנד איז געווען זייער אַ פּרימיטיווע. די לאַנדווירטשאַפֿט איז באַשטאַנען פֿון גרויסע מאַיאָנטקעס און לאַטיפֿונדיעס און פֿון אַ מאַסע פּויערישע ליליפּוטישע בעל-הבתישקייטן; פֿאַבריק-קוימענס זײַנען געווען שיטער צעזייט איבערן לאַנד, דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט איז דאָס רובֿ באַשטאַנען פֿון אַרבעטער אין דער באַקליידונגס-, שפּײַז- און בוי-אינדוסטריע. אָט דער דאָזיקער כאַראַקטער פֿון דער פּראָדוקציע האָט אויך אַרויפֿגעלייגט זײַן שטעמפּל אויף דעם פּרצוף פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין לאַנד. לגבי דעם איבעריקן עסטרײַך איז גאַליציע געווען אַן עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַנענע געגנט; בעת אין די איבעריקע טיילן פֿון דער מלוכה איז העכער $^1/_4$ פֿון דער באַפֿעלקערונג געווען באַשעפֿטיקט אין דער אינדוסטריע, האָט די אינדוסטריע אין גאַליציע באַשעפֿטיקט קוים $^1/_{10}$. גאַליציע, דער מזרח-ווינקל פֿון דער מלוכה, האָט אַ דאַנק איר אָפּגעשטאַנענקייט, געפֿילט בלויז די שעדלעכע זײַטן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין עסטרײַך.

די ווײַטערדיקע טאַבעלע גיט אַ באַגריף וועגן דער סאָציאַלער סטרוקטור פֿון דער אַלגעמיינער און ייִדישער באַפֿעלקערונג אין גאַליציע (פּראָצענטמעסיק).

סאָציאַלער באַשטאַנד פֿון די נאַציעס (רעליגיעס) אין גאַליציע (צום יאָר 1890):[4]

**אין לאַנדווירטשאַפֿט**

| | אין אַלגעמיין | פּאָלאַקן | אוקראַיִנער | ייִדן |
|---|---|---|---|---|
| זעלבשטענדיקע . . | 28,6 | 27,6 | 29,4 | 31,1 |
| אָנגעשטעלטע . . . | 0,2 | 0,4 | — | 3,1 |
| אַרבעטער . . . . | 6,1 | 8,5 | 4,0 | 7,2 |
| שוואַרץ-אַרבעטער . | 9,2 | 11,0 | 7,5 | 14,5 |
| געהילפֿס-אַרבעטער . | 55,9 | 52,5 | 59,1 | 44,1 |
| | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

**אין אינדוסטריע**

| | אין אַלגעמיין | פּאָלאַקן | אוקראַיִנער | ייִדן |
|---|---|---|---|---|
| זעלבשטענדיקע . . | 38,0 | 37,7 | 41,7 | 51,6 |
| אָנגעשטעלטע . . . | 2,1 | 2,0 | 0,7 | 2,5 |
| אַרבעטער . . . . | 48,2 | 49,5 | 42,7 | 30,2 |
| שוואַרץ-אַרבעטער . | 4,8 | 4,0 | 7,0 | 1,4 |
| געהילפֿס-אַרבעטער . | 6,9 | 6,8 | 7,9 | 14,3 |
| | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

**אין האַנדל**

| | אין אַלגעמיין | פּאָלאַקן | אוקראַיִנער | ייִדן |
|---|---|---|---|---|
| זעלבשטענדיקע . . | 52,1 | 51,1 | 37,1 | 67,5 |
| אָנגעשטעלטע . . . | 9,0 | 9,6 | 7,6 | 3,2 |
| אַרבעטער . . . . | 25,0 | 25,5 | 40,2 | 11,4 |
| שוואַרץ-אַרבעטער . | 1,6 | 1,4 | 3,6 | 1,3 |
| געהילפֿס-אַרבעטער . | 12,3 | 12,4 | 11,5 | 16,6 |
| | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

[4] איך באַנוץ זיך בײַם ציטירן בוזעקס טאַבעלעס מיט דעם ווערק פֿון: F. Bujak, Galicja (Lwów—Warszawa), t. 1, p. 134. I. Buzek, Stosunki zawodowe i socjalne ludności Galicji według wyznania i narodowości („Wiadomości statystyczne“, t. 20, z. 2).

### אין דער פּראָדוקטיווער באַפֿעלקערונג

| | אין אַלגעמיין | פּאָלאַקן | אוקראַיִנער | ייִדן |
|---|---|---|---|---|
| זעלבשטענדיקע . . | 29,1 | 29,0 | 29,1 | 47,9 |
| אָנגעשטעלטע . . . | 1,7 | 2,4 | 0,4 | 4,7 |
| אַרבעטער . . . . | 11,1 | 14,6 | 5,8 | 16,9 |
| שוואַרץ-אַרבעטער . | 9,4 | 11,0 | 7,7 | 11,7 |
| געהילפֿס-אַרבעטער . | 48,7 | 43,0 | 57,0 | 18,8 |
| | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

לויט אַן אַנדער טאַבעלע פֿון בוזעק איז אויף 100 מענטשן אין גאַליציע אויסגעפֿאַלן אויף לאַנדווירטשאַפֿט 81,5 פּראָצ׳; דערפֿון אויף הונדערט: ביי פּאָלאַקן— 73,7 פּראָצ׳, ביי אוקראַיִנער-94,4 פּראָצ׳, ביי ייִדן–17,7 פּראָצ׳; אויף אינדוסטריע— 5,7 פּראָצ׳; דערפֿון אויף הונדערט: ביי פּאָלאַקן–8,6 פּראָצ׳, ביי אוקראַיִנער–1,4 פּראָצ׳, ביי ייִדן—25,4 פּראָצ׳; אויף האַנדל—3 פּראָצ׳, דע פֿון אויף הונדערט: ביי פּאָלאַקן– 4,8 פּראָצ׳, ביי אוקראַיִנער—0,4 פּראָצ׳, ביי ייִדן—29,4 פּראָצ׳. ענלעכע ציפֿערן ברענגט אויך טענענבוים.[5] די דאָזיקע ציפֿערן ווייזן צווישן אַנדערס אויף דעם, אַז די פּראָלעטאַריזאַציע אין מערבֿ-אייראָפּעיִשן זינען איז צווישן ייִדן געווען גאָר אַ קליינע, איבערגעוויגן האָט דער טיפּ פֿון קליינע בעלי-בתימלעך, פֿון קליינהענדלער און אויך בעלי-מלאָכות, וואָס זיינען אָפֿט געווען אין אַ גרעסערער צאָל, ווי די אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט ביי בעלי-מלאָכות.

מיט דער צייט האָט זיך די דאָזיקע סטרוקטור געענדערט, וואָרעם אין דעם וויכטיקסטן פֿאַך, וואָס האָט באַשעפֿטיקט ייִדישע אַרבעטער—אין שניידעריי האָט זיך אַנטוויקלט די אַרבעט פֿאַרן מאַרק, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זיינען אויסגעוואַקסן וואַרשטאַטן, וואָס האָבן שוין באַשעפֿטיקט צו עטלעכע צענדליקער אַרבעטער. די מעגלעכקייטן צו ווערן זעלבשטענדיק האָבן זיך אַלץ מער פֿאַרקלענערט אויך אין אַנדערע צווייגן פֿון דער מלאָכה, און אין די אַרבעטער-קאַדערס האָט זיך אויף דעם אופֿן געשאַפֿן אַן עלעמענט, וואָס האָט געבילדעט אַ מער סאָלידן און דויערנדיקן יסוד פֿאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג. אין דער ריינער פֿאַבריק-אינדוסטריע איז דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין גאַנצן נישט געווען פֿאַרטראָטן. אין דער בוי-אינדוסטריע האָבן די ייִדישע אַרבעטער געאַרבעט נאָר ווי בלעכער, לאַקירער און מאַלער.

אַ מעגלעכקייט צו דערקענען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די ייִדן אין גאַליציע אין דער דעמאָלטיקער צייט גיט אונדז אויך דער מעמאָראַנדום, וואָס דער פֿאַרבאַנד „אַגודת אַחים" האָט אין מאַי 1890 דערלאַנגט דעם „פּוילישן קאָלאָ" אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט[6] — דער דעמאָלטיקער פּוילישער פּאַרלאַמענטאַרישער רעפּרעזענטאַנץ פֿון גאַליציע, און וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם ייִדישן דעפּוטאַט ד"ר ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט געהאַט זיין מאַנדאַט פֿון דער האַנדלס-קאַמער. לויט דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום זיינען צווישן די ייִדן אין גאַליציע געווען משפּחות מיט אַ הכנסה פֿון העכער צוואַנציק טויזנט עסטרייכ׳ גולדן אַ יאָר – בסך-הכּל 1 פּראָצ׳; מיט אַ הכנסה פֿון צען ביז צוואַנציק טויזנט גולדן—4 פּראָצ׳, פֿון צוויי הונדערט ב״ז פֿינף הונדערט גולדן—10 פּראָצ׳, ווייניקער ווי צוויי הונדערט גולדן אַ יאָר—25 פּראָצ׳, דאָס מיינט מענטשן, וואָס קענען קוים שטילן דעם הונגער. דער רעשט פֿון 60 פּראָצענט דאַרף צוגערעכנט ווערן צו יענע, וואָס האַלטן זיך אויס כּמעט אויסשליסלעך פֿון קצבֿה!

---

5 Dr. Josef Tenenbaum, Żydowskie problemy gospodarcze w Galicji (1918 ווין).

6 זע וועגן דעם אין דער Ojczyzna 1890 פֿאַר דעם חודש מאַי.

אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט האָט געהערשט אַ פֿולשטענדיקער יאוש. מען האָט געהאָפֿט נאָר אויף עפּעס אַ נס פֿון דרויסן און מען האָט פֿאַרבונדן זייער גרויסע האָפֿענונגען מיט דער אַ"ג „באַראָן־הירש־פֿונדאַציע". באַראָן הירש האָט, ווי באַקאַנט, מ.דבֿ געווען אַ פֿאָנד פֿון 12 מיליאָן פֿראַנק, בכדי די פּראָצענטער פֿון דער פֿונדאַציע זאָלן פֿאַרווענדט ווערן אויף צו פּראָדוקטיוויזירן די ייִדישע מאַסע אין גאַליציע. די פֿונדאַציע האָט געזאָלט דערציִען אין ספּעציעלע פֿאַכשולן אויסגעבילדעטע בעלי־מלאָכות און מענטשן מיט מאָדערנע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קענטעניש. אין 1890 האָט די עסטרײַכישע רעגירונג באַשטעטיקט די פֿונדאַציע, און אין מזרח־ און מערבֿ־גאַליציע זײַנען געגרינדעט געוואָרן אַ ריי שולן פֿאַר קונסטשלאָסערס און קונסטטישלערס; אַ טייל תּלמידים האָבן נאָכן ענדיקן די שולן באַקומען באַשעפֿטיקונגען אין וואַרשטאַטן, אַ פּאָר צענדליקער יונגע מענטשן זײַנען אויך באַשעפֿטיקט געוואָרן בײַ ייִדישע גוטבאַזיצער, ווו זיי האָבן זיך באַדאַרפֿט באַקענען מיט דער לאַנדווירטשאַפֿט. אַחוץ דעם האָבן די באַראָן־הירש־שולן אין איניקע שטעט אַרײַנגענומען אַ טייל פֿון דער ייִדישער יוגנט און זיי געגעבן פֿאָלק־שול־בילדונג. דער רעזולטאַט איז אָבער נישט געווען אַזאַ גרויסער, ווי מ'האָט דערוואַרט. דער דאָזיקער פּרוּוו האָט נאָר אין זייער אַ קליינער מאָס געהאָלפֿן אָפּצושוואַכן די שרעקלעכע ייִדישע נויט. די בעלי־מלאָכות, וואָס זײַנען אַרויס פֿון די שולן, האָבן דאָס רובֿ פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, זוכנדיק זייער מזל מעבֿר לים.

## II

דעם אָנהייב פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע דאַרף מען זוכן אינעם יאָר 1870—1871. די ערשטע, וואָס האָבן אונטערגענומען אַן אַקציע צו פֿאַרגרעסערן דעם לוין, זײַנען געווען די דרוקער־אַרבעטער אין לעמבערג. זייער אָרגאַניזאַציע האָט געטראָגן אַ ריין טרייד־יוניאָניסטישן כאַראַקטער; קיין פּרטים וועגן דער באַוועגונג זײַנען ניט באַקאַנט. אין יאָר 1871 שטויסן מיר זיך אָן אויף דעם ערשטן בעקער־שטרײַק און אויך אויף אַ שטרײַק פֿון די שנײַדערס. פֿאַר דער דעמאָלטיקער לאַגע פֿונעם אַרבעטער זײַנען כאַראַקטעריסטיש די פֿאָדערונגען, וואָס זײַנען געוואָרן אַרויסגעשטעלט דורך די בעקער: 1. אַז די מײַסטערס זאָלן זיי באַהאַנדלען מענטשלעך און נישט זאָגן זיי „דו", נאָר „הערצן" זיי (זאָגן „איר"); 2. מען זאָל פֿאַר דער נאַכטאַרבעט צאָלן טײַערער, ווי פֿאַר דער טאָגאַרבעט; 3. מען זאָל זיי געבן שטרויזעק, קאָצן און קישנס אויף צו שלאָפֿן בעת דער רוצײַט; 4. מען זאָל געבן פֿרײַ בעת די קריסטלעכע שבֿועות־חגאות, ווײַל זיי האָבן געהאַט בסך־הכּל נאָר צוויי מאָל אין יאָר פֿרײַ: ווײַנאַכטן און בעת דער קאַטוילישער פּאַסכאַ.[6] די פּאָר שטרײַקן אין די 70ער יאָרן האָבן געטראָגן אַ ריין עקאָנאָמישן און לאָקאַלן כאַראַקטער.

האַרבסט 1870 איז געקומען קיין לעמבערג באָלעסלאַוו לימאַנאָווסקי,[7] וועלכער איז די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן באַרימט, ווי איינע פֿון די שענסטע און הערלעכסטע געשטאַלטן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּוילן און ווי דער לערער און דערציִער פֿון אַ ריי שפּעטערדיקע טוערס. אין 1871 האָט ער געהאַלטן רעפֿעראַטן אין לעמבערג וועגן דער אַרבעטער־פֿראַגע, און אין די 70ער יאָרן איז אין לעמבערג געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער פּוילישער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט, צו וועלכן עס האָבן געהערט: לימאַנאָווסקי, דער סטודענט טשערווינסקי, וואָס איז דערנאָך באַרימט געוואָרן אַלס מחבר פֿון דעם ליד „טשערוואָני שטאַנדאַר" (רויטע פֿאָן),

---

[6] איך ציטיר לויטן בוך: Emil Haecker, Historja Socjalizmu w Galicji i na Sląsku, t. 1, p. 101 (Kraków 1933).

[7] לימאַנאָווסקי האָט געלעבט 100 יאָר: געב' 1835, געשט' 1935. — רעד'.

מאַנקאָווסקי, דאַניליוק — אַ זעצער, וואָס איז געווען אויך רעדאַקטאָר פֿון דער צייטשריפֿט „פּראַצאַ“ (Praca), און צוויי אוקראַיִנישע — אָדער „רוטעניִשע“, ווי מען האָט זיי צו יענער צייט גערופֿן — סטודענטן: פּאַווליק און פֿראַנקאָ. דער לעצטער איז דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער אוקראַיִנישער דיכטער און פּאָליטישער טוער. אין אויגוסט 1878 האָט באָלעסלאַוו לימאַנאָווסקי געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, פֿונוואַנען ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן ווי אַ „לעסטיקער אויסלענדער“, לויט דער פֿאַראָרדענונג פֿון דעם שטאַטהאַלטער גראַף פּאָטאָצקי; די דאָזיקע פֿאַראָרדענונג איז דאָס צווייטע מאָל באַשטעטיקט געוואָרן אין די 90ער יאָרן פֿון דעם שטאַטהאַלטער גראַף באַדעני. אַ באַדייטיקע ראָלע אין דער אויפֿלעבונג פֿון פּאָליטישע אידעען אין גאַליציע האָבן געשפּילט סטודענטן, היימישע און דער עיקר עמיגראַנטן, ווי מען האָט וועגן זיי געזאָגט: „ז׳ גענעווי אי ז׳ נאַד נעווי“ (פֿון זשענעווע און פֿון די ברעגעס פֿון נעוואַ, דאָס מיינט פֿון פּעטערבורג). דעם ערשטן אָרט צווישן די עמיגראַנטן האָט פֿאַרנומען לודוויק וואַרינסקי, אַ הערלעכע געשטאַלט, בלבֿ ונפֿש איבערגעגעבן דער אַרבעטער־זאַך.[8] ער האָט פֿאַרבראַכט אַ צייט אין גאַליציע און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער יוגנט אין גייסט פֿון ריינעם אינטערנאַציאָנאַליזם. סוף 1883 איז ער אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַראורטיילט פֿון דער צאַרישער רעגירונג צו 16 יאָר קאַטאָרגע; אין 1889 איז פֿאַר דער צייט אויסגעלאָשן געוואָרן זײַן לעבן אין דער באַרימטער צאַרישער שליסלבורגער טורמע. לאַנגע יאָרן נאָך זײַן טויט האָט זײַן אָנדענק געלעבט אין די הערצער און מוחות פֿון די אַרבעטער־טוער אין גאַליציע. אין 1880 איז פֿאָרגעקומען דער גרויסער קראָקעווער פּראָצעס, ווו עס זײַנען אויף דער אָנקלאָגבאַנק געזעסן 35 באַשולדיקטע, בראש מיט לודוויק וואַרינסקי, סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן און יאַן קאָזאַקעוויטש.

בײַ די אוקראַיִנער („רוטענער“) זײַנען די פּיאָנערן פֿון דער באַוועגונג געווען די תּלמידים פֿון פּראָפֿ׳ מ. דראַגאָמאַנאָוו: די אויבן דערמאָנטע איוואַן פֿראַנקאָ און מיכאַל פּאַווליק, וואָס האָבן אַ געוויסע צייט מיטגעאַרבעט אין דער „פּראַצאַ“ פֿון דאַניליוקן.

אַרום 1890 איז ווידער שטיל געוואָרן. די איינצלנע פֿײַערלעך, וואָס האָבן נאָך דאָ געטליעט, זײַנען כמעט ווי אויסגעלאָשן געוואָרן און עס איז אויך אויסגעלאָשן געוואָרן דער גלויבן אין אַ מעגלעכקייט פֿון אַ סאָציאַליסטישער מאַסן־באַוועגונג אין גאַליציע. צווישן די, וואָס האָבן דעם גלויבן פֿאַרלוירן, איז אויך געווען דער שפּעטער־דיקער פֿירער פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּוילן — איגנאַצי דאַשינסקי, צו יענער צייט אַ סטודענט. ער האָט זיך דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק, אַז אין אַמעריקע, ווו עס לעבט אַ גרויסע פּוילישע פּויערים־עמיגראַציע, וועלן זיך פֿאַר אים עפֿענען מעגלעכקייטן פֿאַר אַ ברייטער סאָציאַליסטישער אַרבעט, וועלכע ער האָט נישט געזען דאָ. ער האָט פֿאַרלאָזן גאַליציע, און אין פּאַריז, אויפֿן וועג קיין אַמעריקע, האָט אים אָנגעיאָגט די ידיעה, אַז אין לעמבערג איז אויף אַן אימפּאָזאַנטן אופֿן, אויף אַ גרויסער פֿאַרזאַמלונג, געפֿײַערט געוואָרן דער ערשטער מײַ 1890. די באַקאַנטע פּוילישע סאָציאַליסטן דעמבסקי און מענדעלסאָן האָבן אײַנגערעדט דאַשינסקין, ער זאָל אויפֿגעבן זײַן פּלאַן פֿון אַמעריקע; דאַשינסקי האָט זיך אומגעקערט קיין פּוילן און האָט זיך — נאָך אַ קורצער הפֿסקה, ווען ער האָט רעדאַקטירט די „גאַזעטאַ ראָבאָטניטשאַ“ אין בערלין, — געשטעלט אין לעמבערג אויף שטענדיק אין דינסט פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

---

[8] לודוויק וואַרינסקי (1856 — 1889), באַרימטער פּוילישער סאָציאַליסט, שטאַמט פֿון רוסלאַנד. אין 1879 אַנטלאָפֿן קיין גאַליציע. אין 1880, נאָכן קראָקעווער פּראָצעס, אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון עסטרײַך און געלעבט אין דער שווייץ. סוף 1881 אומגעקערט זיך קיין וואַרשע, ווו ער האָט געגרינדעט דעם „פּראָלעטאַריאַט“ און מיט 2 יאָר שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן. — רעד׳.

די צײַט אַרום 1890 כאַראַקטעריזירט ווילהעלם פֿעלדמאַן אין זײַן בוך „די פּאַרטייען און פּאָליטישע פּראָגראַמען אין גאַליציע 1846—1906"[9] אַזוי: „די דאָזיקע צײַט איז געווען אַן עדות פֿון טיפֿסטער פּאָליטישער ירידה אין גאַליציע... דורכן מאַזורישן דאָרף איז דורכגעלאָפֿן דער ערשטער ציטער פֿון אַ נײַ לעבן, די שטעט אָקעגן זײַנען געווען אין גאַנצן אײַנגעהילט אין אַ פּאָליטישער טויטקייט און נאָר אין חלום האָט זיי געשראָקן דער רוח פֿון איבערקערענישן, בונטן, רעוואָלוציעס, פֿון צעפּאַל פֿון דער משפּחה און פּריוואַט-אייגנטום." „אין יענער צײַט האָט זיך גענומען אַנטוויקלען פֿון קליינע אָנהייבן די סאָציאַליסטישע אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכע האָט אויפֿגעוועקט דאָס אײַנגעשלאָפֿענע גאַליציִשע לעבן און איז געוואָרן אין די שטעט אַ פּאָליטישער פֿאַקטאָר פֿון ערשטראַנגיקער באַדײַטונג און קראַפֿט. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער פֿאַרזומפּטער, פֿאַרשלאָפֿענער עקסיסטענץ פֿון די שטעט אַ פֿערמענט, וועלכן קיין שום אַנדערע פּאַרטיי, קיין שום אַנדערע שטרעמונג האָט נישט אַרײַנגעטראָגן: אַ פֿערמענט פֿון נײַע אידעען און נײַע געזעלשאַפֿטלעכע קאַטעגאָריעס, שטויסנדיק איינע צו סאָלידאַריטעט, אַנדערע צו רעאַקציע, האָט קריסטאַליזירט פּרינציפּן, אָרגאַניזירט כּוחות, — אַ פֿערמענט און אַ הויפּט-שטויסקראַפֿט פֿון פּאָליטישן לעבן, וואָס בילדעט די געשיכטע פֿון גאַליציע אין דעם יאָרצענדלינג 1890—1900. אין גאַליציע האָט דער סאָציאַליזם עקסיסטירט נאָך פֿאַרן יאָר 1890, אָבער נישט קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און די באַוועגונג האָט נישט געהאַט דעם כאַראַקטער, וואָס זי האָט שפּעטער באַקומען". אויף דעם זעלביקן אופֿן כאַראַקטעריזירט דעם צושטאַנד אין זײַן היסטאָרישער סקיצע „קורצע געשיכטע פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גאַליציע פֿון 1טן מאַי 1890—ביזן 1טן מאַי 1894" זשעגאָטאַ — אַ פּסעוודאָנים, אונטער וועלכן עס האָט געשריבן איגנאַצי דאַשינסקי.[10]

איינע פֿון די ערשטע אַרויסטרעטונגען איז געווען די דערמאָנטע פֿײַערונג פֿון 1טן מאַי 1890. גרויסע פֿאַרדינסטן בײַם אָרגאַניזירן די פֿײַערונג האָט געהאַט אַ סטודענט פֿון פּוילן קאַססיוש [זע ש. ראַבינאָוויטשעס זכרונות. — רעד']. זשעגאָטאַ שרײַבט, אַז קאַססיוש איז געווען אײַנגעמאָלדן אין דעם לעמבערגער פּאָליטעכניקום צוערשט אונטערן נאָמען הויזמאַן, דערנאָך סלאָנימסקי; ער האָט געהערט צו די גרינדער פֿון דער צײַטשריפֿט „ראָבאָטניק", וואָס דער ערשטער נומער פֿון איר איז אַרויס דעם 1טן מערץ 1890. דאָס איז געווען אַ שטילער, לונגען-קראַנקער מענטש. די אַרבעט אין גאַליציע האָט צוגעצויגן צו אים די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער רוסישער פּאָליציי, און צוריקגעקומען קיין פּוילן, איז ער פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף זעקס יאָר תּפֿיסה. אַ צווייטער קרבן איז געווען אויך אַ סטודענט פֿון לעמבערגער פּאָליטעכניקום וולאַדזימיעזש שלעיען. אויך ער איז טעטיק געווען בײַ דעם אָנהייב פֿון דער באַוועגונג, אָפּגעזעסן אַ צײַט אין דער וואַרשעווער און פּעטערבורגער תּפֿיסה און נאָך 4 יאָר זיצן איז ער אַרויס אַ קראַנקער און טויבער.

פֿון דער צײַטשריפֿט „פּראַצאַ", וואָס האָט דערשײַנט אין לעמבערג, זעען מיר, אַז דעם 22סטן נאָוועמבער 1890 האָט אַ גרופּע טוער געגרינדעט אין גאַליציע די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. דעם 8טן פֿעברואַר 1891 באַגעגענען מיר שוין דעם ערשטן אויפֿרוף פֿון דער פּאַרטיי. אין דער צווייטער סאָציאַליסטישער צײַטונג, וואָס האָט דעמאָלט דערשײַנט (אויסער דער „פּראַצאַ"), אין „ראָבאָטניק", געפֿינען מיר אַ ידיעה, אַז אין דעצעמבער 1891 איז אין לעמבערג געגרינדעט געוואָרן דער פֿאַראיין „סילאַ" (Siła), וועלכער האָט אַרײַנגעצויגן אַ סך אַרבעטער.

---

9 Wilhelm Feldmann, Stronnictwa i programy polityczne w Galicji 1846—1906 (Kraków 1907).

10 Żegota, Krótka historja rozwoju partji socjalist. w Galicji (1894 לעמבערג).

אין יענער צײַט שטויסן מיר זיך אויך אָן אויף אַ ידיעה, אַז צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין לעמבערג האָט געהערשט אַ טענדענץ צו שאַפֿן אַן אייגענעם פֿאַר־איין פֿאַר די ייִדישע אַרבעטער. די ייִדישע אַסימילאַטאָרישע צײַטשריפֿט „אָיטשיזנאַ" (Ojczyzna) ברענגט אַ ידיעה (לויט דער „פּראַצאַ"), אַז אין אָקטאָבער 1891 איז אין לעמבערג פֿאָרגעקומען אַ געשלאָסענע פֿאַרזאַמלונג פֿון ייִדישע אַרבעטער אינעם לאָקאַל פֿון פֿאַראיין „סילאַ", בכדי זיך צו באַראָטן וועגן דער גרינדונג פֿון אַ פֿאַראיין, וואָס זאָל האָבן דעם צוועק צו וועקן דעם געפֿיל פֿון סאָלידאַריטעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער און בכלל צו פֿאַרבעסערן זייער לאַגע. אין דער פֿאַרזאַמלונג האָבן אָנטייל גענומען 200 אַרבעטער, אונטערן פֿאָרזיץ פֿון הערמאַן דיאַמאַנד.[11] נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע האָבן די פֿאַרזאַמלטע זיך אָפּגעזאָגט פֿון געדאַנק צו גרינדן אַ באַזונדערן פֿאַראיין פֿאַר ייִדן און באַשלאָסן אַרײַנצוטרעטן אין פֿאַראיין „סילאַ", וועלכער שטייט אָפֿן פֿאַר יעדן איינעם, אָן שום חילוק פֿון נאַציע און גלויבן. אַ שבת שפּעטער, ווי עס מעלדעט די זעלביקע צײַטונג, איז פֿאָרגעקומען אַ געשלאָסענע פֿאַרזאַמלונג פֿון ייִדישע אַרבעטערינס, אונטערן פֿאָרזיץ פֿון פֿרוי פּרוכניק, און עס זײַנען אָנגענומען געוואָרן די זעלביקע באַשלוסן. די דאָזיקע ידיעה באַווײַזט אונדז, אַז די טענדענץ צו אַן אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדישע אַרבעטער איז אַרויסגערוקט געוואָרן באַלד נאָכן אויפֿקום פֿון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד. עס איז מעגלעך, אַז די אומבאַקאַנטע טוער, וואָס האָבן דעם געדאַנק אַרויסגערוקט שוין אין 1891, האָבן אין יולי 1892 דערפֿירט צו דער גרינדונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־פּאַרטיי. די פּאַרטיי האָט געהאַט איר אָרגאַן—די „אַרבייטער שטימע", און דאָרט האָט זי איר שטאַנדפּונקט פֿאָרמולירט אין נומער 3, ווי עס גיט איבער גראָסמאַן,[12] אויף אַזאַ אופֿן:

„עס איז אַ פֿאַלשע מיינונג, דאָס מען קען בײַ אונז אין גאַליציען אַלע נאַציאָנען און שפּראַכן ד. ה. די פּוילישע, רוטהענישע און יודישע אונטער דער פּוילישער פֿאָהן פֿעראייניגען. בײַ אַזאַ פֿעראייניגונג ווירד נאָר איין קליינער טהייל דער אַרבייטער זיך בעטיילינען, די הויפּט־מאַסען דער אַרבייטערשאַפֿט ווירד מען צו אַזאַ פֿעראייניגונג נישט צוציהען קענען. ווייל מען די גרויסע מאַסען פֿון ייִדישע, רוטהענישע און פּוילישע אַרבייטער אויפֿקלערען, איז עס נויטיג דאָס מען זאָל יעדע אַרט פֿון שפּראַכע און פֿאָלק בעזאָנדערס צוזאַמענעהמען און אויפֿקלערען און עס איז נויטיג, דאָס די פּוילישע פֿעראייניגען מיט זייערע צײַטונגען אין גאַליציען זאָלען בילדען איינע אייגענע אַרבייטער־פּאַרטיי, די רוטהענען איינע און די יודען איינע, וואָס זאָל זיך יעדעס בעזונדער אַליין פֿערוואַלטען, נאָר אויסערדעם זאָל זײַן איין הויפּט־קאָמיטעט, וואָס זאָלל זײַן צוזאַמענגעזעצט אויס פֿערטרעטער פֿון די אַלע פּאַרטייען. דאָס הויפּטקאָמיטעט זאָלל בעשטימען, ווען דיעזע אַללע זעלבסטשטענדיקע אַרבייטער פּאַרטייען האָבען געמיינשאַפֿטליך צו האַנדלען... דיעזע אַרט פֿעראייניגונג האָט דעם נאָמען פֿעדעראַטיווע פֿעראייניגונג".

## III

די געשיכטע פֿון אָט דעם ערשטן פּרווו פֿון אַן אייגענער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע איז אין גאַנצן אײַנגעהילט אין נעפּל. עס איז פֿאַראַן אַ חשד, אַז די אָרגאַניזאַציע איז זיך צעפֿאַלן איבער דעם אומגליקלעכן פּערזענלעכן צוזאַמענשטעל פֿון דער אָנפֿירונג. אין 1893 טרעפֿן מיר אינעם „נאָווי ראָבאָטניק", נר׳ 1, אַזאַ נאָטיץ מיטן טיטל „אַ וואָרענונג", ווו די אַרבעטער ווערן געוואָרנט קעגן 3 פּערזאָנען, וואָס זײַנען געוואָרן

---

11 הערמאַן דיאַמאַנד—באַקאַנטער לאַנגיאָריקער פֿירער פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; געב׳ 1860, געשט׳ 1931.

12 ד״ר הענריק גראָסמאַן, „דער בונדיזם אין גאַליציען"; קראָקע 1907.

אויסגעשלאָסן פֿונעם ייִדישן אַרבעטער-פֿאַראיין „יד החזקה“ אין לעמבערג: „די דאָזיקע חבֿרה האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ סאָציאַליסטיש צוויי-וואָכנבלאַט „סאָציאַליסט“, אָרגאַן פֿון דער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער-פּאַרטיי אין גאַליציע. זיי וועלן נאָך אַרויס-געבן איין נומער אָדער צוויי פֿון דײַטשן „סאָציאַליסט“, גלײַך ווי זיי האָבן אַרויסגעגעבן 2 אָדער 3 נומערן אין זשאַרגאָן פֿון דער „אַרבייטער-שטימע“ און פֿאַרפֿירנדיק אייניקע נאַיִווע מענטשן, וועלן זיי אָנהייבן אַרויסגעבן אַן אויסגאַבע אין עפּעס אַן אַנדער שפּראַך“. אונטער אָט דער וואָרענונג געפֿינט זיך אַ קאָמוניקאַט, אַז ייִדישע חבֿרים האָבן בדעה אַרויסצוגעבן אַ „זשאַרגאָניש-ייִדישן“ אָרגאַן, לויט די באַשלוסן פֿון דעם לאַנד-צוזאַמענפֿאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אינעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר, און ווענדן זיך צום כּלל ייִדישע חבֿרים, ווען ס'איז טײַער די אויפֿקלערונג פֿון די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן, מיט דער בקשה בײַצוטראָגן פֿאַרן פּרעסע-פֿאָנד פֿון דער „זשאַרגאָן-צייטשריפֿט“.

מיר זעען דאָ אַ פּרוּוו מצד די טוער פֿון „ראָבאָטניק“ צו באַהאַנדלען די גרופּע פֿון דער „ייִדישער פּאַרטיי“ ווי אַ קליקע פֿון אינטריגאַנטן. מיר האָבן אָבער ספֿקות, צי זײַנען זיי גערעכט. קעגן דעם אַרויסגעזאָגטן חשד רעדט דער ערנסטער און ווערדיקער טאָן פֿון דער אויבן ציטירטער „אַרבייטער-שטימע“ אין דער פֿראַגע פֿון אַ באַזונדער פּאַרטיי. אין דעם דערמאָנטן בוך פֿון זשעגאָטאַ (דאַשינסקי)[13] טרעפֿן מיר אַ ידיעה, אַז מיט דער דאָזיקער גרופּע איז געווען פֿאַרבונדן דער אוקראַיִנישער טוער מיכאַל פּאַווליק. שוין אָט די פֿאַרבינדונג מיט פּאַווליקן, וואָס איז געווען אַ תּלמיד פֿון דראַגאָמאַנאָוון, דעם פּיאָנער פֿון סאָציאַליזם צווישן די אוקראַיִנער, רעדט פֿאַר דער פּאַרטיי, וועלכע האָט אַרויסגערוקט דעם געדאַנק פֿון אויסבויען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין גאַליציע אויף פֿעדעראַטיווע יסודות: פֿון פּוילישע, ייִדישע און „רוטענישע“ סאָציאַליסטן. בײַ אַזאַ לאַגע דאַרף מען לכל הפּחות זייער פֿאָרזיכטיק באַטראַכטן די דאָזיקע באַשולדיקונג פֿון „ראָבאָטניק“.

דאָס ייִדישע לעבן אין גאַליציע האָט אין יענע יאָרן פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַ פֿיל טרויעריקער בילד, ווי די פּוילישע סבֿיבֿה. עס האָט דאָ לחלוטין געפֿעלט אַ קולטור-באַוועגונג, עס האָט געפֿעלט אַ וואָסער עס איז אָפּאָזיציע, אַפֿילו פֿון אַ בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, קעגן דער הערשנדיקער רעאַקציע. דער קלאַסן-אונטערשייד אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט איז נישט געווען קלאָר אָנגעצייכנט, דאָס קלאַסן-באַוווסטזײַן — אין סאַמע אָנהייב. עס האָט געהערשט אַ שטאָק-פֿינצטערע נאַכט. דער ייִדישער אַרבעטער ווערט דאָ באַטראַכט פֿאַר אַ מענטשן פֿון אַ נידעריקער מדרגה; מיט ביטול באַציט זיך צו אים דער קאַפּיטאַליסט, מיט ביטול באַציט זיך צו אים דער „ווילנלערנער“. און אין אָט דעם געטאָ האָבן גענומען פּאַמעלעך אַרײַנדרינגען שטראַלן פֿון סאָציאַליסטישן באַוווסטזײַן.

פֿון פּובליציסטישע מקורים פֿון יענער צײַט ווערן מיר געוואָר, אַז צום ערשטן מאָל האָבן זיך ייִדישע אַרבעטער באַטייליקט אין אַ שטרײַק אין יאָר 1886: אינעם בעקער-שטרײַק אין לעמבערג. צוויי יאָר שפּעטער באַטייליקן זיך 70 ייִדישע סטאָלאַרעס אין אַן אַלגעמיינעם סטאָלאַר-שטרײַק אין לעמבערג. אָבער די ערשטע מאַסן-אַרויס-טרעטונג פֿון ייִדישע אַרבעטער איז געווען דער שטרײַק פֿון טליתים-אַרבעטער אין קאָלאָמיי אין יאָר 1892.

די „רעוואָלטע“ פֿון די טליתים-וועבער אין קאָלאָמיי איז געוואָרן דער סיגנאַל פֿון אַ קלאַסנקאַמף אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אין גאַליציע. דער שטרײַק האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם און געפֿונען אַן אָפּקלאַנג אַפֿילו אין דער נישט-ייִדישער וועלט. 400 ייִדישע אַרבעטער, טליתים-מאַכערס, דאָס רובֿ עלטערע מענטשן, ייִדן מיט באָרד און פּאות, זײַנען אַרויס אין שטרײַק. אין דער באַוועגונג האָט זיך באַטייליקט אַ יונגער

13 זשעגאָטאַ, דצ״ו 41; וועגן פּאַווליקס באַציִונג צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פֿגל׳ אויך עמיל העקער, דצ״ו.

**סטודענט מאַקס צעטערבוים, שפּעטער אַ מיטגליד פֿון דער פּפּס"ד, אַ מענטש פֿון גרויסן וויסן און מאָראַלישער הייך. איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון דעם שטרייַק איז אויך געווען משולם לזוויש. דאָס בילד פֿון דעם שטרייַק געפֿינען מיר אין די קאָרעספּאָנדענציעס פֿון „נאַפּשוד" („Naprzód") אין יענע טעג.**

„נאַפּשוד" נר' 15 פֿון 8/1 1892. קאָרעספּאָנדענץ פֿון קאָלאָמיי:

„עס איז דאָ אויסגעבראָכן אַ שטרייַק פֿון 400 יידישע וועבער, טליתים-אַרבעטער. די איינציקייט איז אָן אַלגעמיינע. די נויט אַ שרעקלעכע".

„נאַפּשוד" נר' 16 פֿון 8/15 1892:

„דער שטרייַק פֿון די יידישע וועבער. דער אומפֿאַרמיידלעכער קלאַסנקאַמף האָט אויסגעבראָכן צווישן די יידן. ווער וואָלט עס זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז די פֿון שקרופּעל און סוכאָטע דעגענערירטע און עלנטע מענטשן וועלן זיך אויפֿהייבן צו אַ שטרייַק? די פֿרומע אָרטאָדאָקסן זייַנען צום שטרייַק געצוווּנגען געוואָרן דורך די ניט ווייניקער פֿרומע עקספּלואַטאַטאָרן זייערע. וואָרעם דער עלנט פֿון די שלעזישע וועבער איז אַ שפּילעכל אין פֿאַרגלייַך מיט דעם היגן עלנט; ביי אַ 15 שעהדיקער טעגלעכער אַרבעט פֿאַרדינען זיי 1—3 גולדן אַ וואָך. דעם 24סטן יולי האָבן זיך פֿאַרזאַמלט 200 (אַרבעטער) בייַם רבֿ. דער חבֿר צעטערבוים האָט אין אַ שעהדיקער רעדע געשילדערט די קלאָגעדיקע לאַגע פֿון די פֿאַרזאַמלטע... ציטערדיקע און אויסגעדאַרטע אַלטע לייַט האָבן אים צוגעשטימט און צוגערופֿן, אַז אויך זיי וועלן גיין שלאָגן די, וואָס ווילן ניט שטרייַקן, ווען זיי זאָלן דערפֿאַר אַפֿילו דאַרפֿן באַצאָלן מיט חדשים-לאַנגער תּפֿיסה".

„...כדי זיך צו פֿאַרזיכערן, אַז די אַרבעטער פֿון קלענערע פֿאַבריקן וועלן נישט גיין צו דער אַרבעט, כּל-זמן אַלעמענס פֿאָדערונגען וועלן נישט נאָכגעגעבן ווערן, האָט די פֿאַרזאַמלונג פֿון זיי געפֿאָדערט אַ שבֿועה אויף דער הייליקער תּורה. דערנאָך איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט כּדי דורכצופֿירן די באַשלוסן פֿון דער פֿאַרזאַמלונג".

„נאַפּשוד" נר' 17 פֿון 9/1 1892:

„דעם גינציקן פֿאַרלויף פֿון דעם וועבער-שטרייַק (אין קאָלאָמיי) האָט מען צו פֿאַרדאַנקען דער עיקר דעם אָרטיקן ראַבינאַט, וועלכער האָט אָפּגענומען ביי אַלע אַרבעטער אַ שבֿועה, אַז אונטער דער מורא פֿון אַ קללה טאָרן זיי ניט גיין צו דער אַרבעט, כּל-זמן זייערע פֿאָדערונגען וועלן נישט דערפֿילט ווערן".

„נאַפּשוד", נר' 23 פֿון 12/1 1892:

„קאָלאָמיי. דער שטרייַק איז געפֿאַלן. צען חסידים, דאָס רובֿ פֿאַמיליע-פֿאָטערס, וואָס האָבן צו פֿינף און צו זעקס קינדער, האָבן געבראָכן די שבֿועה אויף דער הייליקער תּורה, מיט דעם אויסרייד, אַז ביי צוויי גילדן און 50 קרייצער[14] זייַנען זיי פֿאַרמשפּט אויף אַ הונגער-טויט און אַז בעת די ימים-טובֿים האָבן זיי געמוזט מאַכן חובֿות און אַ דאַנק דעם, וואָס העלער[15] האָט זיי צוגערעדט, זייַנען זיי צוריקגענאַנגען צו דער אַרבעט. אומזיסט איז געווען דאָס בעטן, דער קאַמף און די סטראַשונקעס מצד די אַרבעטער. פּאָליציי האָט געהיט די פֿאַבריק ביי טאָג, ביי נאַכט האָט זי דאָרט גענעכטיקט. די אויפֿפֿאָדערונג פֿונעם רבֿ האָט אויף די פֿרומאַקעס (!!) נישט געמאַכט קיין אייַנדרוק. דרייַ חדשים פֿון קאַמף און הונגער האָבן אויסגעשעפּט די אַרבעטער. העלער האָט אין דעם גאַנצן עסק באַוויזן, אַז ער טרעט מיט די פֿיס די געזעצן פֿון דער יידישער רעליגיע(!!), ווען עס גייט אים אין די אינטערעסן פֿון זייַן קאַפּיטאַל"...

**עס איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז דער שטרייַק האָט געפֿונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אויך אין אַנדערע טיילן עסטרייַך. צווישן די ווינער אַרבעטער האָט מען צונויפֿגעזאַמלט אַ פּאָר הונדערט גולדן פֿאַר די שטרייַקנדיקע טלית-מאַכער; דורך פּריוואַטע ידיעות דערוויסן מיר זיך, אַז די וועבער-אַרבעטער אין אייבער-עסטרייַך האָבן מבֿטל געמאַכט דעם פּרוּוו פֿון די קאָלאָמייער פֿאַבריקאַנטן אויסצואַרבעטן דאָרטן זייערע סחורות.**

---

14 געמיינט מסתּמא שטרייַק-געלט.

15 דער פֿאַבריקאַנט פֿון די טליתים.

אַ בילד פֿון דעם אײַנדרוק, וואָס דער שטרײַק האָט אַרויסגערופֿן, גיט אויך אַ נאָטיץ אינעם אָרגאַן פֿון די פּוילישע עמיגראַנטן-סאָציאַליסטן אין פּאַריז „פּאָבודקאַ" („Pobudka"), ווו מיר לייענען: „אין קאָלאָמיי דויערט מיט עקשנות אַ שטרײַק פֿון טלית-וועבער — אַ שטרײַק אויף טויט און לעבן. דער ערשטער סימן פֿון דעם אויסערסט פֿאַרביסענעם קלאַסנקאַמף בײַ אונדזערע ייִדן. דער שטרײַק ציט צו די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט און רופֿט צו שטיצע, נאָך מער דערפֿאַר, ווײַל ער נעמט אָן מיט יעדן טאָג אַלץ מער אַן אויסגעשפּראָכענעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. 300 מענטשן האָבן געשוווירן בײַ דער תּורה און שטייען פֿעסט בײַ די אַרויסגעשטעלטע פֿאָדערונגען".

די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פֿון סאָציאַליסטיש-אָריענטירטע אַרבעטער האָט געפֿונען איר אויסדרוק אין דער גרינדונג פֿון דער פּוילישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין יאַנואַר 1892 אויפֿן קאָנגרעס אין לעמבערג. אויף דעם קאָנגרעס האָט אַרומגערעדט די אַ"ג „ייִדן-פֿראַגע" איגנאַצי דאַשינסקי, וועלכער האָט געזאָגט: „אין דעם ענין זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע טעאָריעס בנוגע זײַן פֿאַרענטפֿערונג. אַ טייל ווילן, אַז ייִדן זאָלן עמיגרירן קיין פּאַלעסטינע, אַ טייל ווילן זיי אַריבערפֿירן קיין אַרגענטינע, און אַנדערע ווידער ווילן זיי אַסימילירן מיט די פּאָלאַקן. פֿאַר סאָציאַליסטן זײַנען די אַלע טעאָריעס, וועלכע רירן כּמעט ניט אָן די ייִדישע מאַסן, — גלײַכגילטיק". דאַשינסקי דערמאָנט ווײַטער דעם באַשלוס פֿון פֿאַראיאָריקן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין בריסל, אַז סאָציאַליסטן דאַרפֿן נישט זײַן „נישט קיין אַנטיסעמיטן און נישט קיין פֿילאָסעמיטן", נאָר זען אין די ייִדן, ווי בײַ אַלעמען, צוויי שיכטן: אונטערדריקער און אונטערדריקטע. „לאָמיר באַהאַנדלען די ייִדן — האָט דאַשינסקי געזאָגט — אַזוי ווי יעדע אַנדער נאַציע, לאָמיר זיי געבן די זעלביקע רעכט. אונדזער ערשטע אויפֿגאַבע איז — וואַרפֿן דעם פֿונק פֿון קלאַסנקאַמף צווישן ייִדן, זיך פֿאַרבינדן מיטן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט און ברענגען אים צום באַוווסטזײַן, אַז זײַנע אינטערעסן פֿאַלן צונויף מיט די אינטערעסן פֿון די פּראָלעטאַריער פֿון אַנדערע פֿעלקער". אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס אין לעמבערג האָט זיסער פֿון קראָקע געפֿאָדערט, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערן אַ סאָציאַליסטישע צײַטונג אין „זשאַרגאָן". דער קאָנגרעס האָט דערצו מסכּים געווען און באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַזאַ צײַטונג פֿאַר די ייִדישע אַרבעטער.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די פֿאַרשיידענע פּרוּוון צו פֿאַרענטפֿערן די „ייִדן-פֿראַגע" לוינט זיך אָפּצושטעלן אַ ביסל אויספֿירלעכער אויף דער אַסימילאַציע-באַוועגונג אין גאַליציע.

## IV

די פּראָ-פּוילישע אַסימילאַציע-באַוועגונג צווישן די ייִדן אין גאַליציע האָט זיך אַנטוויקלט דער עיקר אין די יאָרן 1880—1892. אין 1883 האָבן די אַסימילאַטאָרן אין לעמבערג און קראָקע געגרינדעט דעם פֿאַראיין „אַגודת אַחים" און זייער אָרגאַן איז געוואָרן די „אָיטשיזנאַ".[16] אין משך פֿון די 12 יאָר האָט די גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען כּמעט אויסשליסלעך פֿון יונגע ייִדישע אינטעליגענטן, פּראָפּאַגאַנדירט דעם לאָזונג, אַז די פֿאַרענטפֿערונג פֿון דער ייִדן-פֿראַגע ליגט אין דער אַסימילאַציע, אין אָפּוואַרפֿן אַלץ, וואָס איז ייִדיש, און אויך די שפּראַך פֿון פֿאָלק — דעם „זשאַרגאָן", אין באַהעפֿטן זיך מיט דער פּוילישער באַפֿעלקערונג, מיט איר שפּראַך און קולטור. אין די פּרימיטיווע ווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרהעלטענישן פֿון יענער צײַט האָבן די קעמפֿער פֿון דער דאָזיקער ריכטונג ניט באַמערקט, אַז ייִדן האָבן שוין לאַנג אויפֿגעהערט צו זײַן אַן איינהייטלעכער אָרגאַניזם. זיי האָבן געהאָפֿט אויף אַ הילף פֿון דרויסן און געלייגט ספּעציעלע האָפֿענונגען אויף דער „באַראָן-הירש-פֿונדאַציע" און געגלייבט, אַז דאָס וועט זײַן דער וועג צו פּראָדוקטיוויזאַציע פֿון ייִדישן לעבן.

[16] די צײַטונג Ojczyzna איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1881 אין לעמבערג.

אין די רייען פֿון די אַסימילאַטאָרן זײַנען תּחילת געווען מענטשן מיט ניט אין גאַנצן אײנהייטלעכע שטימונגען, אויך מענטשן, וואָס האָבן שפּעטער געשפּילט אַ ראָלע אינעם עמאַנסיפּאַציע-קאַמף פֿון לאַנד און אינעם קאַמף פֿון די ייִדישע אַרבעטער. אײנער פֿון זיי איז געווען ווילהעלם פֿעלדמאַן. אַזוי, צום בײַשפּיל, האָט ער אין אַן אַרטיקל „האַנטווערקער און ייִדישע אַרבעטער" אין דער „אָיטשיזנאַ" געשריבן: „עס איז זייער אויפֿגאַבע צו זאָרגן וועגן אָפּראַמען אַלע אומגלײַכקייטן, אַלע מניעות און עוולות, וואָס די הײַנטיקע אָרדענונג האָט אויף זיי אַרויפֿגעלייגט, נישט נאָר ווי אויף אַרבעטער און בעלי-מלאָכות, נאָר אויך ווי אויף ייִדן".

די „אַגודת-אַחים" האָט געשטערעבט אונטערצושטרײַכן איר פּאָלאָניזם דורך אינטענסיווער באַטייליקונג אין די פּוילישע נאַציאָנאַלע פֿײַערונגען, אַזוי צום בײַשפּיל אין דער פֿײַערונג פֿון דעם הונדערט-יאָריקן יובֿל פֿון דער פּוילישער קאָנסטיטוציע פֿון 3טן מאַי 1791, אויך אין דער לוויה פֿון אַדאַם מיצקעוויטש, ווען מענס קערפּער איז אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין קיניגלעכן שלאָס „וואַוועל" אין קראָקע; די ייִדישע אַסימילאַטאָרן טראָגן דערבײַ אַ קראַנץ מיט אַ ציטאַטע פֿון מיצקעוויטשעס „פּאַן טאַדעוש": „דער ערלעכער ייִד האָט ליב געהאַט פּוילן ווי אַ פּאָלאַק".

צווישן די אָנהענגער פֿון דער באַוועגונג איז סוף די 80ער יאָרן אויסגעבראָכן אַ סיכסוך וועגן דער באַדײַטונג פֿון „זשאַרגאָן". אײנער פֿון די, וואָס איז מיט דער גרעסטער פֿאַרביטערונג אַרויסגעטרעטן קעגן ייִדיש, איז געווען ווילהעלם פֿעלדמאַן. אַליין געשטאַמט פֿון אַ פֿרומען ייִדישן הויז אין זבאַראַזש, האָט ער אין די יונגע יאָרן אַראָפּגעוואָרפֿן די בעקעשע און מיט איר געוואָלט אויך אַראָפּוואַרפֿן אַלץ, מיט וואָס ער איז געווען אָנגעזאַפּט אין זײַן סבֿיבֿה,— די שפּראַך און די אידעאָלאָגיע. שפּעטער איז פֿעלדמאַן, ווי באַקאַנט, געוואָרן אײנער פֿון די באַדײַטיקסטע פּוילישע קריטיקער און פּובליציסטן. גאָר אין אָנהייב איז פֿעלדמאַן געשטאַנען נאָענט צו דער אַרבעטער-באַוועגונג און איז אַפֿילו אָנגעקלאָגט געוואָרן אין אַ פּראָצעס וועגן געהיימע פֿאַראײנען (1891); אין 1905 האָט ער אָנגענומען אַן אָביעקטיווע שטעלונג צו דעם קאַמף פֿון די ייִדישע אַרבעטער און זייער שטרעבונג צו גרינדן אַ באַזונדערע ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. שפּעטער, ווען די ייִדיש-פּוילישע באַציִונגען האָבן זיך פֿאַרשאַרפֿט, איז ער געווען פֿון די ערשטע, קעגן וועמען עס זײַנען געווענדט די אַטאַקעס פֿון די פּוילישע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטן, וואָס זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן פֿעלדמאַנען — דעם מענטשן פֿון אַ פֿרעמדער ראַסע, הגם פֿעלדמאַן האָט ניט ווייניק מי אָפּגעגעבן פֿאַר דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייטס-באַוועגונג. פֿון ייִדישע ענינים האָט ער זיך אָבער געהאַלטן פֿון דער ווײַטנס, און אויפֿן טויטן בעט איז זײַן פֿאָרמעלע צוגעהעריקייט צום ייִדישן כּלל איבערגעריסן געוואָרן — ער האָט זיך געשמדט.

ווי געזאָגט, איז פֿעלדמאַן (אין דעצעמבער 1890) אַרויסגעטרעטן קעגן דער ייִדישער שפּראַך, שרײַבנדיק אין דער „אָיטשיזנאַ": „פֿאַר דעם זשאַרגאָן איז נישט פֿאַראַן קיין פּלאַץ אין דער ספֿערע פֿון ציוויליזאַציע. דער זשאַרגאָן איז אַ באַרבאַרײַ. זשאַרגאָן איז אַ פּאַן-יודאַיִסטישער רינג. זשאַרגאָן איז בײַ אונדז ענדלעך אַ מיטל פֿאַר גערמאַניזאַציע. אונדזער אויספֿיר איז — קאַמף און פֿאַרטיליקונג פֿון זשאַרגאָן אין גאַליציע".[17]

אַ היפּוכדיקן שטאַנדפּונקט האָט דעמאָלט פֿאַרטיידיקט אַ יונגער פּעיִקער סטודענט איגנאַצי זיסער. אויך ער האָט זײַנע ערשטע טריט געמאַכט אין דער צײַטונג „אָיטשיזנאַ"; שפּעטער האָט ער זיך באַטייליקט פֿון אָנהייב אָן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גאַליציע און האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט פֿראַגן פֿון קונסט און ליטעראַטור. זיסער איז יונגערהייט געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק דעם אײַנדרוק, אַז עס איז

---

17 Ojczyzna פֿונעם 15טן דעצעמבער 1890.

פֿאַר דער צײַט אַוועק פֿון דער וועלט אַ לעבעדיקער קוואַל פֿון שאַפֿונג און אַרבעט. אין יענער צײַט, ווען עס איז נאָך נישט געווען קיין ייִדישע מאַסן- און קולטור-באַוועגונג, ווען די ייִדישע ליטעראַטור איז נאָך געווען זייער אָרעם, האָט ער מיט זײַן אינטויִציע פֿאָרגעפֿילט דעם באַטײַט פֿון ייִדישן וואָרט. ער האָט אין פּויליש איבערגעזעצט ייִדישע לידער (געדרוקט אין בערדיטשעוו אין 1888) און ער האָט צו יענע צײַטן געשריבן, אַז „די ייִדישע פֿאָלקס-פּאָעזיע איז אַן אמתער מקור פֿון איידעלער באַגײַסטערונג, הגם נישט געשליפֿענער, אָבער דאָך מעכטיקער״, און אָנגעוויזן אויף דעם ווערט פֿון ייִדיש אַלס פֿאָלקסשפּראַך. תּיכּף בײַם ערשטן קאָנגרעס פֿון דער ס״ד פּאַרטיי אין גאַליציע מאַכט זיסער אַ פּרוּוו צו ווירקן אויף דער פּאַרטיי, אַז זי זאָל אָננעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו ייִדיש. ער בלײַבט דערבײַ געטרײַ דעם געדאַנק, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין דער „אָיטשיזנאַ״: „זשאַרגאָן איז נישט קיין פֿאָרם, נאָר אַ גלענצנדער ציוויליזאַציע-מיטל, אַ מיטל, וואָס דערלײַכטערט די השפּעה און דעם צוטריט צו דער ייִדישער מאַסע״.

אין יאָר 1892 איז די „אָיטשיזנאַ״ אונטערגעגאַנגען. מיט אַנטוישונג און פֿאַרביטערונג שרײַבן די אַרויסגעבער פֿון דעם בלאַט, די פֿאָרשטייער פֿון דער אַסימילאַטאָרישער באַוועגונג, בזה הלשון: „אָפּגעמאַטערט און מיד טרעטן מיר אָפּ. מיר האָבן געמיינט און מיר מיינען, אַז די ייִדן קאָנען ווערן בירגער נאָר בײַ דער מיטווירקונג פֿון דער אמת-פּוילישער געזעלשאַפֿט. עס האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז די פּוילישע געזעלשאַפֿט וועט אונדז דערלאַנגען די האַנט פֿאַר געמיינזאַמער אַרבעט פֿאַר דעם געמיינזאַמען נוצן. מיר האָבן זיך אָפּגענאַרט. וואָס האָט דאָס לאַנד אויסגעטאָן פֿאַר דער מאָראַלישער און עקאָנאָמישער דערהויבונג פֿון דער ייִדישער מאַסע אין משך פֿון די 25 יאָר פֿון דער אויטאָנאָמער ווירטשאַפֿט?״...

מיר האָבן זיך ברייטער אָפּגעשטעלט אויף דער אַסימילאַטאָרישער באַוועגונג דערפֿאַר, וואָס אין אירע רייען זײַנען געשטאַנען אויך מענטשן, וועלכע האָבן געשפּילט דערנאָך אַ גרויסע און אין אַ געוויסער מאָס אַ דעצידירנדיקע ראָלע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַזוי האָבן צו דער אַסימילאַטאָרישער באַוועגונג געהערט אויסער פֿעלדמאַנען און זיסערן אויך י אָ אַ כ י ם פֿ ר ע נ ק ע ל, וועלכער איז אַ קורצע צײַט שפּעטער געוואָרן דער רעדאַקטאָר פֿון דעם ערשטן ייִדישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן אין גאַליציע „דער אַרבייטער״, וועגן וואָס מיר וועלן נאָך ווײַטער אויספֿירלעך רעדן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, נאָך דער אויפֿלעבונג פֿון דער אַסימילאַציע-באַוועגונג, האָט זיך אין אירע צוזאַמענפֿאָרן באַטייליקט אויך ד״ר ד י אַ מ אַ נ ד. באַגאַבט מיט גרויסן רעדנערטאַלאַנט, מיט גרויסער פּאָליטישער בילדונג, שפּעטער איינער פֿון די פֿעיִקסטע פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרלאַמענטאַריער, האָט זיך ד״ר דיאַמאַנד שטענדיק באַצויגן נעגאַטיוו צו די זעלבשטענדיקייט-שטרעבונגען און צו דער שפּראַך פֿון די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן.

די אַסימילאַטאָרן זײַנען, לויט זייער אייגענער דערקלערונג, פֿאָרמעל אַראָפּ פֿון דער פּאָליטישער בינע אין יאָר 1892. אָבער די א י ד ע אָ ל אָ ג י ע פֿון אַסימילאַציע האָבן די סאָציאַליסטישע טוער, אַמאָליקע אָנהענגער פֿון אַסימילאַציע, מיטגעבראַכט אין די רייען פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פֿון דעם שטאַנדפּונקט אויס האָבן זיי באַהאַנדלט די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג. זיי זײַנען געבליבן געטרײַ דעם אַלטן שטאַנדפּונקט, אַז „זשאַרגאָן איז אַן אומגליק״, אַז דער וועג צו באַפֿרײַונג פֿירט דורך אַסימילאַציע פֿון די ייִדישע מאַסן. אין די ערשטע יאָרן, ווען דאַשינסקי און די אַנדערע זײַנען נאָך געשטאַנען אויף דעם שטרענג אינטערנאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט, ווען ער האָט אַפֿילו גערעדט וועגן דעם „הומבוג פֿון דער אַסימילאַציע״, האָט די דאָזיקע אײַנשטעלונג נישט געהאַט קיין באַדײַטונג. שפּעטער אָבער איז זי געוואָרן בלײַ אויף די פֿליגלען פֿון דער באַוועגונג. זי האָט בײַ די אַסימילאַטאָרן פֿון נעכטן פֿאַרשטעלט דעם אין אַנדערע פֿראַגן קלאָרן בליק. זיי האָבן לא די וואָס נישט געהאַט קיין געגנוג

לעמבערג, דען 1. סעפטעמבער 1893 Nr. 1 Lemberg, den 1. September 1893

1. יאהרגאנג דער 1. Jahrgang

# ארבייטער

ארגאן דער סאציאל-דעמאקראטישען פארטייא.

DER ARBEITER

Organ der sozial-demokratischen Partei.

רעדאקטער: קארל נאכער ערשיינט יעדען ערסטען אונד דריטטען פרייטאג. העראויסגעבער: יאזעף וואהלמאנן

קאסטעט פיערטעליאהריג 30 קר. האלביאהריג 60 קר. גאנציאהריג 1 פל. 20 קר. מיט צוישטעללונג נאך הויז 36 קר. איינצעלנע נוממער 5 קר. אויף דער פראווינץ גאנציאהריג 1 פל. 50 קר. האלביאהריג 80 קר. פיערטעליאהריג 36 קר. נאך דייטשלאנד יעהרליך 3 מארק נאך פראנקרייך 6 פראנקס. דיא רעדאקציאן, אדמיניסטראציאן אונד עקספעדיציאן בעפינדעט זיך: ערמיאנעצקא-גאססע נר. 29 I. שטאק. אללע געלדזענדונגען זינד אן אמאליא באננהארד פאדלעוויסקי-גאססע נר. 4 צו אדרעססירען. בריעפע אונד ארטיקעל אן קארל נאכער קאיל-לודוויג-שטראססע נר. 9. אינפראנקירטע בריעפע ווערדען ניכט אנגענאממען. איינצעלנע נוממערן קאנן מאן ערהאלטען ביא ל. מלאהן, קארל-לודוויג-שטראססע נר. 9.

לעמבערג דען 1. סעפטעמבער 1893

דיא האבט דאס בלאטט אין דיא האנד גענאממען — האבט דיא איבערשריפט געלעזען אונד איך וייס עס, פאר אללעם פראגסט דוא דיך: וואס ווילל דיעזער „ארבייטער“ אדער דיא לייטע דיא איהן שרייבען? וואס הייסט דאס „ארגאן דער סאציאלדעמאקראטישען פארטייא“. עס איזט אלזא פאר אללעם אונזערע איפגאבע דיר אויף דיעזע פראגע איינע קלארע אנטווארט צו געבען, דאמיט דוא וויססען זאללסט, אב דאס בלאטט פיר דיך גוט איזט אדער ניכט.

ווער איזט דיעזע „סאציאלדעמאקראטישע פארטייא“ — רעדען ארגאן דיעזעס בלאטט איזט. געוויסס האסט דוא שאן אפט פאן סאציאליסטען געהערט אונד מאן האט דיר פיעלעס פאן איהנען ערצעהלט. איך גלויבע דאסס מאן דיר וועניג גוטעס פיעל שלעכטעס פאן איהנען געזאגט האט. נון ווילל איך דיר וועדער דאס גוטע נאך דאס שלעכטע זאגען — אבער דיא ווארהייט.

שויא אויף דיא גאססע! דא געהען פיעלע לייטע ארגע שוהע — פיעלע האבען צעררים-סענע קליידער — פיעלע וויעדער האבען ניכט וואס צו וואהגען, דאגעגען זיעהסט דוא אבער פיעלע שוסטער דיא פאר הונגער פער-געהען, וייל זיא קיינע ארבייט פינדען — פיעלע שניידער געהען הערום אונד זוכען נאך בראד — פיעלע מוירער וויינען, דאסס זיא הונגריג זינד. זאגען וויר אבער דיעזען שוסטערן געהעט היין אונד מאכעט שטיעפעל, דענן דיא קיינע האבען — געהעט איהר שניידער דען נאקטען קליידער — בויעט איהר מוירער דען פריערענדען הייזער“, זא בעקאממען וויר אלס אנטווארט: „יא ווער ווירד אונז דאס בעצאהלען, דיעזע לייטע האבען יא קיין געלד אונזערע ארבייט צו בעצאהלען — אונד וויר ברויכען יא געלד אום לעבען צו קענגען“!

ערשטער נומער פֿונעם לעמבערגער „ארבייטער“ (1893)

איגנאַצי בראָס

(געשט׳ אין יאַנואַר 1938)

(צו די צרט׳ פֿון ד״ר י. בראָס און ש. בלום

וועגן גאַליציע

פּאָזיטיווע שטעלונג אין די פֿראַגן פֿון פּאַרטיי-ליטעראַטור אין יידיש, נאָר אויך אַפֿילו ניט געהאַלטן פֿון דער נויטווענדיקייט אויסצובילדן יידישע אַגיטאַטאָרן; זיי האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן יעטווידן פּרווו אויסצובויען אַ יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי. זיי האָבן זיך נישט באַהאָפֿטן מיטן לעבן פֿון די יידישע מאַסן, נישט דערגרייכט די קוואַלן פֿון דער באַוועגונג און אויך נישט געהאָלפֿן שאַפֿן קיין ליטעראַטור, פֿאַרקניפּט מיט דעם לעבן פֿון די מאַסן, אַזוי ווי עס האָט עס באַוויזן צו שאַפֿן אויף אַ ווונדערלעכן אופֿן דער „בונד" אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד.

## V

אין 1891 זעען מיר יידישע אַרבעטער אינעם אַלגעמיינעם פֿאַראיין „סילאַ" און שפּעטער אויך אין אַלגעמיינעם פֿאַראיין אין קראָקע. פֿונדעסטוועגן ווערט דער דראַנג צו שאַפֿן באַזונדערע יידישע פֿאַראיינען נישט איינגעשטילט און עס קומט צו דער גרינדונג פֿון פֿאַראיין „יד חזקה" אין לעמבערג, דערנאָך אין קראָקע („ברידערלעכקייט") און שפּעטער אויך אין סטאַניסלאָוו. אין קאָלאָמיי ווערט געגרינדעט אַ פֿאַראיין „וואהרהייט". די ידיעות וועגן דער אַרבעט פֿון די דאָזיקע פֿאַראיינען זיינען זייער באַגרענעצטע. דאָ און דאָרט לייענען מיר וועגן אַ פֿאַרזאַמלונג. אין לעמבערג שטויסט מען זיך אָן אויף די נעמען: דיאַמאַנד, וואָהלמאַן, סאַלאַמאַנדער, שטעכענבערג, און אין קראָקע אויף דעם נאָמען פֿון ס. רובינשטיין, דעם שפּעטערדיקן מחבר פֿון דער דייטשער בראָשור „דאָס אייגנטום אין פֿאַרגאַנגענהייט, געגנוואַרט און צוקונפֿט" (די בראָשור איז דורך דער עסטרייכישער מאַכט קאָנפֿיסקירט געוואָרן). אין סטאַניסלאָוו— אויף די נעמען קולמאַן און שעפּע.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1893 איז אַרויס אין לעמבערג דער ערשטער נומער פֿון דער צוויי-וועכנטלעכער צייטונג אין יידיש „דער אַרבייטער", אָרגאַן פֿון דער סאָצ'-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דער רעדאַקטאָר איז אָנגעגעבן קאַרל נאַכער, אַרויסגעבער יוסף וואָהלמאַן. אין ערשטן נומער ווערן אַזוי פֿאָרמולירט די אויפֿגאַבן פֿון דער צייטונג:

„דוא האסט דאס בלאטט אין דיא האנד גענאממען—האסט דיא אויפשריפט געלעזען אונד איך ווייס עס, פאר אללעם פראגסט דוא דיך: וואס ווילל דיעזער „ארבייטער" אדער דיא לייטע דיא איהן שרייבען? וואס הייסט דאס „ארגאן דער סאציאל-דעמאקראטישען פארטייא". עס איזט אלזא פאר אללעם אונזערע אויפגאבע דיר אויף דיעזע פראגע איינע קלארע אנטווארט צו געבען, דאמיט דוא וויססען זאללסט, אב דאס בלאטט פיר דיך גוט איזט אדער ניכט.

ווער איזט דיעזע „סאציאל-דעמאקראטישע פארטייא"—דערען ארגאן דיעזעס בלאטט איזט? געוויס האסט דוא שאן אפט פאן סאציאליסטען געהערט אונד מאן האט דיר פיעלעס פאן איהנען ערצעהלט, איך גלויבע דאס מאן דיר וועניג גוטעס פיעל שלעכטעס פאן איהנען געזאגט האט. נון ווילל איך דיר ווערער דאָס גוטע נאך דאס שלעכטע זאגן—אבער די וואהרהייט".

און ווייטער לייענען מיר:

„זיא [די סאציאליסטען] פערלאנגען דאס רעכט זעלבסט איבער איהרע לאגע בעראטהען צו קעננען, זיא זאללען טהיילנעהמען אן דער רעגיערונג אום בעווירקען צו קעננען, דאסס דאס שלעכטע אבגעשאפט ווערדע, זיא וואללען פרייען אונטערריכט פיר איהרע קינדער, דאמיט דיעזע קינדער מעהר קעננען וויא דיא פעטער אונד זיך ניכט זא צו פלאגען בריכען—זיא ריעפען 8 שטונדען ארבייט, 8 שטונדען צערשטרייאונג אונד אונטעררויכט אונד 8 שטונדען רוהע פיר יעדען מענשען. זיא רופען אויף צום קאמפפע אום דאס פאליטישע רעכט—דאס אלגעמיינע וואהלרעכט—אום דיא אנדערען ציעלע צו עררייכען—אונד צו דיעזעם קאמפפע רופט „דער ארבייטער" אויך אייך.

הערבייא איהר אַללע ברידער מיט דער שוויעל גען האַנד, שוועסטער מיט דעם בלייכען מידען אַנגעזיכטע—אויך דוא פרי-הדייפער גרייז, דעם דיע צו גראססע מיהע דיא קרעפטע אויס-געזויגט האט—קאממעט אללע הערבייא—נעהמעט דיא קינדער, לאססעט זיא הערען אונד הארכעט אללע: „עס געהט דיא נייע לעהרע דורך אַללע לענדער — אַללע פעלקער דיא האבען זיא ערפאססט אונד אויך איהר זאללט זיא בעגרייפען: פרייא איזט דער מענש, פרייא זאלל ער זיין, זיין בראָד עססע ער ניכט אין טרעהנען אונד בלוטיגעם שווייססע. פריידען זייען זיין אנטהייל — דעם קליינען וויא דעם גראסען, דעם ארמען וויא דעם רייכען. עס זאלל ניט זא אונגערעכט ווייטער ערגעהען — עס זאלל דאס גוטע יעדעם היער גלייכמעססיג צו טהייל ווערדען!

אבער יעצט מיססען וויר איייניג זיין, אַללע ברידער, אַללע שוועסטער, אַללע פעלקער, אַללע רעליגיאנען מיססען אים קאַמפפע אום דיעזע פרייהייט אייניג אונד פערבונדען זיין — זיא מיססען איינטרעטען אין דיא גראָססע פאַרטייא—דיא דארום קעמפפט — אונד דאס איזט דיא זא געשמעהטע, פאָן דען רייכען אונד שלעכטען פערפלוכטע—דאָס איזט דיא סאָציאַלדעמאָקראַטישע פאַרטייא.—דיעזער פאַרטייא, דיעזעם קאַמפפע דיענט דיעזעס בלאַטט — וויללסט דוא ברידער מיט אונז געהען — קאממע — לעזע אונד לערנע אין דיינעם בלאַטטע — אין דעם בלאַטטע דעס אַרבייטענדען פאָלקעס—אונד שטיטצע דען „אַרבייטער".

דאס רעדאַקציאָנסקאָמיטעע:

קאַרל נאַכער — יאָזעף וואָהלמאַן — דאַוויד סאַלאַמאַנדער".

עס איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז אין ערשטן נומער ווערט אַנאָנסירט אַ ייִדישע בראָשור: „דיא ביטטערע פּרנסה פֿון ד"ר פּ., אויסצוג אויס דעם סאָצ. דעמ. פּראָגראַם: ווער מיר זענען און וואָס מיר ווילן אונד איין געלונגענעס בילד פֿאָן ק. מאַרקס".

אין ערשטן, ווי אויך אין די ווײַטערדיקע נומערן געפֿינען מיר אַ ווענדונג פֿון דער רעדאַקציע צו די לייענער, וואָס איז אויך געשריבן אין דעם זעלביקן נוסח ייִדיש-דײַטש:

„וואָס אייך וועה טהוט, וואָ אייך שלעכטעס געטהאַן ווירד, וואָ מאַן אייך אונרעכט טהוט, וואָ אייך בעזעס וויעדערפעהרט, ווענן איהר ראַטה ברויכט, ווען איהר ניכט וויססעט, וואָ אייך הינצואווענדען—שרייבט נור אַן דען רעדאַקטאָר דיעזעס בלאַטטעס, גענאָססען קאַרל נאַכער, לעמבערג, ווירט אייך אַנטוואָרט געבען, דיא זאַכע פערעפפענטליכען אונד וואָמעגליך דען אַרבייטער אונד דען שלעכטען אַן דען פּראַנגער שטעללען.

„שרייבעט נור וואַס אונבעדינגט וואַהר איזט אונד פירכטעט ניכט—דער נאַמע דעס איינזענדערס בלייבט איין געהיימניסס דעס רעדאַקטערס אונד דאַרף ניע—אויך פאַר געריכט ניכט אויסגעשפּראָכען ווערדען.

„דאַרום מוטה געפאַסט אונד צוטרויען צום בלאַטטע. בריעפע אונד אַרטיקעל זינד נור אַן דען רעדאַקטער קאַרל נאַכער לעמבערג צו אַדרעססירען.

„געלדזענדונגען אַן אַמאַליע באַנהאַרד לעמבערג, פּאַדלעוועסקיעגאָ 4".

אין ערשטן נומער געפֿינען מיר אויך אַן אָפּקלאַנג פֿונעם קאָלאָמייער וועבער-שטרײַק אין דער פֿאָרם פֿון אַ דעקלאַראַציע:

„וויא דיא קאָלאָמעאַר טליתפאַבריקאַנטן האבען געזעהען, אַז זייערע אַרבייטער הייבען אָן צום געשמאַק צו קומען און פאַרשטיין, וואָס דאַס הייסט סאָציאַליזמוס, האבען זיי פֿון דיא אַרבייטער פערלאַנגט אַ ערקלערונג, אַז זיי זענען ניכט סאָציאַליסטען. דיא אַרבייטער, יודען אין בורד און פאות האבען דער רעדאַקציאָן פון דעם „ראָבאָטניק" די פאָלגענדע ערקלערונג געשיקט:

„וויר טליתוועבער אין קאָלאָמעאַ אויף איינע אונמענשליכע ווייזע אויסגעבייטעט פאָן דען קאַפּיטאַליסטען ערקלערען דאס אונזערע איבערצייגונג נאָך, ניכט פריה דיא אויסבייטונג דער מענשליכען אַרבייטסקראַפט אונד דאָס עלענד אויס דער וועלט פערשווינדען ווערדען ביז דער סאָציאַליזמוס ווירד האבען געזיעגט, דאס הייסט ביז אַללע פאַבריקען און אַללע קאַפּיטאַלען ווערדען זיין דאס אייגענטום פאָן כלל אונד ניכט פאָן איינצעלנע מענשען, אין כלל זאָלל אַרבייטען

אַללעס וואס מאַן ברויכט צור בעפֿריעדיגונג מאַטעריעללער אונד גייסטיגער בעדירפֿניססע. וויר ערקלערען אַלזאָ דאס וויר ט״ייא צור אינטערנאַצ״אָנאַלען סאָציאַלדעמאָקראַטיע האַלטען ווערדען, אונד דאסס איים דעם גרונדע, ווייל איין אונמענשליכער אויסבייטער אונז צו איינער געגען-ערקלערונג צווינגען וויללל.

ירחמיאל בלעכנער, חיים שמואל בלעכנער, דוד גלאַטט, ברוך שאַללער, משה ציפסער, שמואל דאגער, שמעון אייפערמאַן, שלמה שעכטער, חנה העכט, קאָפּיל שלאָסער, דוד קאהאַן, ליפּע האקקער, ישראל ישכר, משה בערגער, מאיר רייך, קאָפּעל האבער, זיידע האער, וואָלף הילזענראט, שלמה דוד שעכטער, אייזיק ראָזענקראַנץ, געציל פריעדמאַן, מאיר וועכטער, שמואל טייכער, אברהם משה דאלפען, ניסן טעפּ״ר, נתן ברעטטלער, ליב שפּרעכמאַן, משה קיעל, אברהם צבי זאלץ, חיים גרויער, אברהם זאלצמאַן, שמואל שנייבערג, מאיר שוידער, לייזער אדאָלף, נוח זאלצהויער, אַלטער קאָרמאַן, הנה ציעגעלדרויך, מאיר שמחה שלאסער, אשר אדאָלף, איציע שנעעבערגער״.

וועגן דער באַוועגונג אין קראָקע שרײַבט אין 1טן נומער ס. רובינשטיין; פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ זעען מיר, אַז אויך דאָ האָט מען אָנגעגעבן סטאַטוטן פֿון פֿאַראיין „יד חזקה“, אָבער די מאַכט האָט זיי אָפּגעוואָרפֿן. ווי עס האָט איבערגעגעבן אַן אַרבעטער-טוער קוראָווסקי אויפֿן קאָנגרעס אין 1892, איז אין קראָקע צו יענער צײַט געווען אַ קליין-אינדוסטריע, ווו מען האָט געאַרבעט צו 14—16 שעה טעגלעך; אין גאַנצן זײַנען געווען 2—3 קליינע פֿאַבריקן, בסך-הכל מיט 100 פֿאַבריק-אַרבעטער. צווישן אַנדערס אַנאָנסירט „דער אַרבייטער“, אַז אין אָקטאָבער 1893 האָט אין אַמעריקע דער-שײַנט „דער שטאדט אנצײַגער“—אַ ייִדישער זשורנאַל פֿון פֿיליפּ קראַנץ און שורקאַנסקי, און רעקאָמענדירט אויך די אויסגאַבעס פֿון „סאָציאַליסטישן בראָשורן-פֿאָנד“, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן: 1. לאַפֿאַרג, „דער עיקר פֿון סאָציאַליזמוס“, 2. קאַרל מאַרקס, „לאָהן-אַרבייט און קאַפּיטאַל“, 3. „יהי אור, אָדער דיא פֿערקעהרטע וועלט“ פֿון מ. ווינטשעווסקי, 4. דיקשטיין, „פֿון וואָס איינער לעבט“, 5. עדעלשטאַדט, „פֿאָלקס-געדיכטע“, 6. גרינע-וויצקיס לעבענסבעשרײַבונג, 7. „דיא צוקונפֿט — אַ וויסענשאַפֿטליך - סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפֿט“.[18]

דער ציל פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג ווערט פֿאָרמולירט אין אַ נאָטיץ פֿון פֿר. [פֿרענקעל], ווו מיר לייענען: „אַללע ייִדישע אַרבייטער מיססען געהערען צו איינער גראָססען אַרבייטערפּאַרטייא, וועלכע דען צוועק האט דיא מענשען פֿאָן דער אונטערדריקונג אונד אויסבייטונג צו בעפֿרייען. זאָ איינע פּאַרטייא עקזיסטירט שאָן אין לעמבערג“.

פֿונעם נומער 7 פֿון „אַרבייטער“ דערוויסן מיר זיך וועגן אַ פּרווו צו אָרגאַניזירן ייִדישע אַרבעטער אין פּרעמישלע אין פֿאַראיין „סילאַ“ און צו פֿאַרשפּרייטן דעם אָרגאַן „דער אַרבייטער“. אָקעגן זעען מיר פֿון אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון קראָקע, אַז די ייִדישע באַוועגונג האָט געליטן „אַ קליינעם ריקשלאַג“. ווי מיר לייענען אין דער קאָרעספּאָנדענץ, ליגט די שולד אין דעם, וואָס עס פֿעלן מיטלען פֿאַר דער אַגיטאַציע. אין דעם זעלביקן נומער ווערט אַנאָנסירט—און דער דאָזיקער אַנאָנס חזרט זיך איבער אין עטלעכע נומערן פֿון בלאַט — אַ בראָשור אד״ט: „דיא גאולה, אָדער וואָס איז די מכּה און וואָס איז דיא רפֿואה?, פֿערפֿאַסט פֿון ב. פֿייגענבוים און א. אַרטמאַן“. „דיעזע פֿיעל פֿערלאַקטע פּראַכטפֿאָללע בראָשירע—ווערט דערבײַ געזאָגט—איז יעצט ערשיענען אַלס צווייטע אויפֿלאַגע. מיר גלויבען, עס וועט ניט זיין איבערטריעבען, ווען מיר וועלען זאגען, אַז „דיא גאולה“ איז איינע פֿון דיא בעסטע, וועניגסטענס פֿון דיא בעסטע יודישע בראָשירען, וועלכע זיינען יע ערשיענען“.

18 געמיינט דער „סאָציאַל-בראָשורן-פֿאָנד“ אין ניו-יאָרק [„פֿון וואָס איינער לעבט“ געהער ניט צום ניו-יאָרקער „בראָשורן-פֿאָנד“ און איז גאָר אַרויס אין לאָנדאָן—פּאַריז. — רעד׳].

די לאַגע פֿון דער צײַטונג איז משמעות געווען אַ שווערע. די רעדאַקציע ווענדט זיך וועגן דעם צו די לייענער מיט אַזעלכע ווערטער:

„פֿאָם אגיטאציאָנספאָנדע“.

גענאָססען! איינע יעדע זאכע ברויכט געלד צו קאָסטען. מאַן וויללֿ איינע פערזאמלונג איינבערופען אום דאָרט דיא ביטטערע לאגע צו בעשפרעכען — אָהנע געלד קאנן מאַן דאס ניכט טהין. מאַן ברויכט יעמאנדען נאך פרעמישל, קאָלאָמעא, דראָהאָביטש אָדער סטאניסלאווי צו זענדען - דאסס ער דאָרט אונזערע זאכע פערטהיידיגען זאָלל, מאַן האט קיין געלד מאַן טהוט עס ניכט. עס ווירד יעמאנד פאָן אונזערען לייטען ארעסטירט, מאַן ברויכט איהן צו ערהאַלטען, אבער וואהער דאס געלד נעהמען? מאַן ברויכט צו יעדער זאכע געלד—אבער ניעמאנד דענקט דאראַן!

גענאָססען! דער קאמפּף דען וויר פיהרען איזט איין קאמפּף אללער, איין קאמפּף דעס אַרבייטענדען פאָלקעס-אַללע זאָללען נאך קרעפטע דאראַן טהייל נעהמען!

איין קרייצער טעגליך קאנן זאָ מאנכער פאָן אייך ענטבעהרען, נעהמעט טהייל אם אגיטאציאָנס-פאָנדע!

דער אַגיטאַציאָנס-פאָנד דער סאָציאלדעמאָקראטישען פארטיא איזט נעבען אונזערען בלעטטערען—דאס איינציגע אונז צו געבאָטע שטעהענדע קאמפּמיטטעל.

אַללע אַן אונז אנגעזאנדטען געלדער ווערדען אין אונזערעם בלאטט אויסגעוויעזען, יעדעס קווארטאל פאָלגט דיא אבערעכנונג דער איינגאהמען אונד אויסגאַבען.

אַדרעססע פיר דען אגיטאציאָנספאָנד וויא פיר דען פרעסס-פאָנד: א. בערנהארד, פאָדליעוסקיעגאָ נר. 4.

דיא רעדאקציאָן דער סאָציאלדעמאָקראטישען צייטשריפט „דער ארבייטער“.

פֿון אָנהייב פֿון צווייטן יאָרגאַנג (1894) נעמט איבער די רעדאַקציע פֿון בלאַט אָנשטאָט קאַרל נאַכצרן — יאָאַכים פֿרענקעל, וועלכער איז נאָך אַלס יונגער סטודענט אַרײַן אין דער באַוועגונג.

אין דער צײַטונג ווערן געבראַכט אַ גאַנצע ריי ידיעות וועגן דער באַוועגונג אין פֿאַרשיידענע שטעט. אַזוי לייענען מיר, אַז אין קראָקע האָט זיך געגרינדעט אַ בעקער-אָרגאַניזאַציע, אַז אין לעמבערג וועט שבת דעם 6טן יאַנואַר 1894 אין דער הויפּט-שולע זײַן די עפֿנונגס-פֿײַערונג פֿון דעם נײַ-געגרינדעטן „פֿאַך אונד אונטערשטיצונגס-פֿעריין פֿון דיא בוכהאַלטער אונד משרתים“. אין דער רובריק „וויא מאַן אונז בעהאַנדעלט“ געפֿינען מיר קאָרעספּאָנדענציעס פֿון אייניקע גאַליצישע שטעט: פֿון קאָלאָמיי שרײַבט מען וועגן דער אַרבעטער-עקספּלואַטאַציע בײַ דעם פֿרומאַק ר' שמשון העללער; פֿון סטרי—וועגן דער ביטערער לאַגע פֿון די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן צו 15–17 שעה אַ טאָג אין דער צינדל-פֿאַבריק פֿון ליפּשיץ. פֿון דאָ און דאָרט קומען אָן ידיעות וועגן איינצלנע פֿאַרזאַמלונגען פֿון יידישע אַרבעטער. מיר טרעפֿן אַ כאַראַקטעריסטישע ידיעה פֿון קראָקע, „אַז די יודישע גענאָססען האָבען בעשלאָססען זיך איינצוקויפען אין דעם דאָרטיגען אַרבייטער פֿאַראיין „שילא“ און צו זייער בעקוועמליכקייט צו ערעפנען איין בעזאָנדער לאָקאַל אויף דעם „קאַזימיעזש“ ד. ה. דאָרטען וואו עס וואָהנען אַממייסטען יודען“; אין נומער פֿון 10טן פֿעברואַר געפֿינען מיר אַ מעלדונג וועגן אַ יידישער פֿאָלקס-פֿאַרזאַמלונג אין לעמבערג אויף דער טעמע: „דאָס אַלגעמיינע, גלייכע וואַהלרעכט“.

אַ בילד פֿון דער פּאָליטישער סיטואַציע אין גאַליציע געפֿינען מיר אין אַ באַריכט פֿון דער רייכסראַט-זיצונג אין נר' 7–8 1894 פֿון דעם „אַרבייטער“:

„דער רייכסראטהסאבגעאָרדנעטע דאָקטאָר עמיל ביק איז גאַנץ איינפאך געוואָרען אַ משרת פון די פאָלנישע שלאכציצען אין גראַזין. בייא יעדער געלעגענהייט לעקט ער זייערע פינגער, שמייכעלט זיך צו זייא צו, כדי זייא זאָללען איהם העלפען צו זיינע פריוואטע געשעפטע אינטערעססען, וועלכע ער מאכט אין וויען. דער אנדריג עדלע אבגעאָרדנעטע פערנערסטאַרפער

האט אים רייכסראַטה נעהאַלטען איינע רעדע, אין וועלכער ער האט בעשריעבען דיא פאסקידנע פערהעלטניססע אין גאַליציען, וויא דיא שלאַכציצען אין גראַפען בעהערשען דאָס לאַנד, ווי זיי אונטערדריקקען דאָס פאָלק, ווי זייא פערפאָלגען די אַרבייטער, דאס אַללדינג איז לײדער טאַקי גאַנץ אמת. און דאס, וואס ער האט דערצעהלט, האט ער אונטערשטיצט מיט בעווייזע. ער האָט נעמליך ציטירט פעראָרדנונגען פון בעצירקס הויפטלייטע, פּאָליציי-דירעקציאָנען און דערגלייכען. וואס טהוט דארויף אַזאַ דאָקטאָר ביק, אנשטאט צו בעשטעטיגען, אַז פערנערסטאַרפער האט רעכט, אנשטאט צו ערקלעהרען, אַז דאס איז ערסט קוים איין טהייל פון דיא קריוודעס, וואָס מען פינט צו דעם פאָלקע אין גאַליציען, ערקלערט דער ליבעראַללע ביק, אַז עס איז נישט אמת, אַז אין גאַליציען איז אַזוי שלעכט, פערקעהרט, עס איז דאָרט זייער גוט, דיא שלאַכציצען דריקקען גאר קיינעם ניכט. ניא געגאָססען, וואס זאגט עטק דאצו? פאַנע פאָלקספערטרעטער האבען מיר אין וויען״.

אַן אילוסטראַציע צו די פֿאַרהעלטענישן אין יענער צײַט איז אַ קאָרעספּאָנדענץ אד״ט „איבער דעם פֿאַכפֿאַריין און איבער דער לאַגע פֿון דיא לעמבערגער משרתים״, ווו מיר לייענען:

„דיא הויפּטזאַכע איזט אבער, דאס יעדער קאָמיע זאָלל זעהר שטארק אגיטירען פיר אונזערען פעראיין. מען זאָלל יעדען בעאיינפלוסען וואָס דער צוועק איזט און מען זאָלל נישט קיין מורא האבען פאר קיין איינציגען באַלעבאָס. איהר האט אוודאי מורא, אַז דער באַלעבאָס וועט זאגען, ער ווילל נישט האַלטען אַזאַ קאָמיע, וואס ער איזט אַ סאָציאַליסט אָדער וואס איזט אין איינען סאָציאַליסטישען פעראיין. וועט ער אוודאי דעם אָפּשאַפּען און איין אַנדערען אויפנעהמען, ניין דער אַנדערער איזט דאָך אויך אין דעם פעראיין—איזט דאָך אים תמיד ליעבער דער אַלטער שונא וויא דער נייער פריינד, בעדארפט איהר דאָך אוודאי קיין מורא צו האבען, דאהער מיינע ליעבען זייט נישט אַזוי פּאַנאַטיש...״

„איך האב נעמיינט, אַז עס איזט שוין געקומען דיא ישועה, אַז עס האט זיך געבילדעט דער נייער פעראיין, צום סוף זעה איך, אַז מיר מיססען געניג אראַן אַרבייטען ביז זייא וועללען פאַרשטיין וואָס מאַן רעדט צו זייא. מאַנכע זאגען, אַז זייא זענען קיינע סאָציאַליסטען. פאַרוואָס? ווייל זייא גיט דיא מאַמי אָדער דער טאַטי צו עסען. וואס וואָלטען זייא געטהאַן ווען דיא עלטערען שטאַרבען אָדער ווערדען פעראַרמט. דאהער מיינע ליעבע קלעהרט נישט לאַנג און שליעסט אייך יא אַן צו זאָלכע לייטע וואס קלעהרען פאַר אונז און אַז יעדער וועט קלעהרען איינער פאַר דעם אַנדערען וועט אַ יעדען גוט זיין״.

די באַוועגונג איז געווען שוואַך. אין אַ נאָטיץ „איין יודישער פאַרטייא-טאַג״, ווו עס ווערט געשילדערט די גרויסקייט פֿון דער יידישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, לייענען מיר אַזאַ כאַראַקטעריסטיק פֿון דער באַוועגונג אין גאַליציע:

„אונז, וואָס אונזער יודישע בעוועגונג אין גאַליציען ליגט נאָך אין ווינדעלן, האָפּפען מיר פון אונזער מאַמין אַמעריקא הילפע אונד אונטערשטיטצונג״.

ווי געוויינטלעך, איז דער ערשטער מאַי דער אָנהייב פֿון אויפֿלעבונג, דער טאָג, וואָס טרייסלט אויף די מאַסע. מיר דערוויסן זיך, אַז צום 1טן מאַי איז אַרויס אַ יידישער אויפֿרוף אין 2000 עקזעמפּלאַרן, וואָס איז פֿון דער מאַכט קאָנפֿיסקירט געוואָרן, הגם ער איז געווען אַן איבערזעצונג פֿון אַ נישט קאָנפֿיסקירטן פּוילישן אויפֿרוף.* אויף דער מאַי-פֿאַרזאַמלונג 1894 אין לעמבערג האָט דער יידישער אַרבעטער-טוער שווייצער דערציילט וועגן דער ביטערער לאַגע פֿון די בעקער-אַרבעטער, וואָס אַרבעטן צו 20 שעה אַ מעת-לעת. זייער גוט האָט זיך איינגעגעבן דער ערשטער מאַי אין קראָקע, און עס איז כּדאַי צו דערמאָנען—לויט דעם אַרטיקל „דער ערשטער מאַי״ אין דעם

* דעם פֿולן טעקסט פֿונעם דאָזיקן מאַי-אויפֿרוף (1894) זע ווײַטער אין דעם באַנד, חי אויף יעם אָרט׳ פֿון ד״ר קאַראָל איינאייגלער.—רעד׳.

„אַרבייטער״—אַז אויף דער גרויסער פֿאַרזאַמלונג האָבן יִידישע חבֿרים גערעדט „פּראָסטע יִידיש״.

אין דעם זעלביקן נומער איז אָפּגעדרוקט אַ באַריכט פֿון 4טן קאָנגרעס פֿון דער עסטרײַכישער ס״ד פּאַרטיי אין ווין (1894). מיר דערוויסן זיך, אַז צווישן 134 דעלעגאַטן זײַנען געווען 4 דעלעגאַטן פֿון גאַליציע: דאַשינסקי, מאַנקאָווסקי, פֿרענקעל און זשעלאַשקיעוויטש. נאָך דעם פּאַרטיי-באַריכט האָט דאַשינסקי געגעבן אַ שילדערונג פֿון די פֿאַרהעלטענישן אין גאַליציע. ווי „דער אַרבייטער״ גיט איבער, האָט ער געזאָגט, אַז אין גאַליציע האָט זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי נישט געקענט שטאַרק אַנטוויקלען, מחמת די מאַכט אַרעסטירט אָפֿט די פּאַרטרויונגס-מענער, און די אונטערנעמער וואַרפֿן זיי אַרויס אויף דער גאַס, ווי דאָס איז למשל געווען אין נײַ-סאַנץ, קראָקע, סטאַניסלאַוו. דערמיט טרײַבט מען די אַרבעטער צו יאוש. אין קראָקע זײַנען די פּאָליציי-פֿאַרהעלטענישן נישט מער צו דערטראָגן („מען הויבט דאָרט אָהן אַזוי פּאָרצוגעהען, ווי פֿאַר צעהן יאהרען, אַלס מען האט געוואָרפֿען איינע באָמבע. ווענן עס ווערט זיך דאָרט אויס פּערצווייפלונג ווידערהאָלען איינע דעראַרטיגע טהאַט, אַזוי ווערט דיא פּעראַנטוואָרטליכקייט דאַפיר פֿאַללען אויף דיא דאָרטיגע בעהערדען״). דאַשינסקי האָט ווײַטער אָנגעוויזן, אַז פּונקט אַזוי באַגייט מען זיך אויך מיט די פּויערים. אויב די פֿאַרהעלטענישן וועלן זיך נישט ענדערן, וועט פֿון גאַליציע ווערן אַ צווייטע סיציליע. ניט געקוקט פֿונדעסטוועגן אויף די אַלע שטערונגען, אָרגאַניזירט זיך דער פּראָלעטאַריאַט אין גאַליציע מיט גרויס ערפֿאָלג. פֿון דעם דאָזיקן באַריכט דערוויסן מיר זיך אַגב, אַז לויטן פֿאָרשלאָג פֿון פֿרענקעלן האָט דער פּאַרטיי-קאָנגרעס אָנגענומען אַ באַשלוס, „דאס אין לעמבערג ערשיינענדע זשאַרגאָן-בלאַטט „דער אַרבייטער״ אַלס פּאַרטייא אָרגאַן אָנצוערקעננען אונד דיא פּאַרטייא פערטרעטונג צו בעאויפטראַגען איינע סובווענציאָן פֿון 15 גולדען מאָנאַטליך צו ערהאַלטונג דיעזעס בלאַטטעס צו געוועהרען״.

סוף אַפּריל 1894 געפֿינען מיר אַ ידיעה וועגן אַ שטרײַק פֿון יִידישע בעקער-אַרבעטער אין לעמבערג און אין דעם זעלביקן נומער אַ ידיעה, אַז אין קראָקע האָט אויסגעבראָכן אַ שטרײַק פֿון קריסטלעכע און יִידישע בעקער-אַרבעטער, וועמענס אַרבעטס-טאָג געדויערט 12 שעה אַ טאָג און מער און דער געהאַלט באַטרעפֿט 8 גילדן און ווייניקער אַ וואָך; דער מחבר פֿון דער נאָטיץ באַמערקט דערבײַ, אַז אין לעמבערג אַרבעטן די בעקער-אַרבעטער גאַנצע 24 שעה...

אין יענעם יאָר באַווײַזן זיך אין גאַנצן לאַנד סימנים פֿון אַ פֿאַרשאַרפֿונג פֿון דעם קלאַסנקאַמף. דער בולטער אויסדרוק איז דער גרויסער שטרײַק פֿון גרובן-אַרבעטער אין די קוילן-ראַיאָנען פֿון עסטרײַך; 8 שעהדיקער אַרבעטסטאָג, 25 פּראָצענט לוין-הוספה—דאָס זײַנען די פֿאָדערונגען, מיט וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט טרעט אַרויס אין קאַמף. 20.000 אַרבעטער שטייען שוין אין שטרײַק; דער שטרײַק וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג. דעם 9טן מאַי 1894 קומען אָן די אַרבעטער, ווי געוויינטלעך, צו דער „דרײַפֿאַלטיגקייטס-שאַכט״ אין אָסטרויער ראַיאָן (מעהרן) און אַ 100 שריט פֿאַר דער שאַכטע באַגעגנט זיי אַ זשאַנדאַרם-אָפּטיילונג, וועלכע גיט אָפּ דרײַ שאָסן אין די אַרבעטער, 10 אַרבעטער ווערן דערהרגעט, עטלעכע און צוואַנציק שווער פֿאַרווונדעט. דאָס איז געווען דער ערשטער בלוטיקער צוזאַמענשטויס אין עסטרײַך.

אין גאַליציע גייט די באַוועגונג ווײַטער אַ לאַנגזאַמען גאַנג, באַגלייט פֿון נצחונות און מפּלות. צו די נצחונות געהער דער בעקער-שטרײַק אין קראָקע, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט ערפֿאָלג. פֿון די קאָרעספּאָנדענציעס זעען מיר, אַז אין 1894 האָט „דער אַרבייטער״ געפֿונען אַ קאָנטאַקט מיט דראָהאָביטש און פּרעמישלע, אַז אין מאַי 1894 האָט דער בעקער-אַרבעטער מאַרגוליעס געגרינדעט אַ בעקערישע חבֿרה אין טאַרנע. „דער אַרבייטער״ מעלדעט אויך, אַז אין יוני 1894 איז אינעם לעמבערגער ראָטהויז פֿאָרגעקומען אַ גענעראַל-פֿאַרזאַמלונג פֿון דעם „אונטערשטיצונגס-פֿאַראיין פֿון משרתים און

בוכהאַלטער" פֿון גאַליציע און בוקאָווינע. בראש פֿון דעם פֿאַראיין איז געשטאַנען פֿיליפּ בעזוען. „דער אַרבייטער" גיט ווײַטער איבער, אַז בײַ אַ פֿאַרטרויִלעכער פֿאַרזאַמלונג פֿון האַנדלס-אָנגעשטעלטע האָט מען באַשלאָסן צו דעלעגירן צום לאַנד-צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ס"ד פּאַרטיי פֿון גאַליציע און בוקאָווינע די מיטגלידער טעלער און סאַלאַמאַנדער. אין דער דאָזיקער נאָטיץ לייענען מיר: „וויא מיר הערען, ווילען אַ סאַך האַנדעלס-אָנגעשטעלטע אַלס געסט צום קאָנגרעס טיילנעהמען,—דאָס בעווייזט, אַז דיא מערתים זענען אויך געקומען צום בעוווסטזיין פון זייער לאַגע און קלערען נאך מיטטעל וויאַזוי דאָס קלאַססענבעוווסטזיין אונטער זייערע פֿאַכגענאָססען צו וועקען". ווען מען האָט דעם פּוילישן אַרבעטער-דיכטער טשערווינסקי, דעם מחבר פֿון ליד „טשערוואָני שטאַנדאַר", געשטעלט אַ דענקמאָל, האָבן די האַנדלס-אָנגעשטעלטע געשיקט אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע (בעזוען און ברעקאָוויטש).

וואָס איז נוגע דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד, געפֿינען מיר אין דעם „אַרבייטער" כּסדר אַרטיקלען וועגן דעם אַלגעמיינעם און גלײַכן וואַלרעכט. די פֿראַגע ווערט באַאַרבעט אין פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן. דער לאָזונג פֿון אַלגעמיינער וואַלרעכט איז אין יענע צײַטן אויסגעוואַקסן כּמעט צו דער באַדײַטונג פֿון אַ סימבאָל; מיט דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעם לאָזונג האָט מען פֿאַרבונדן באַזונדערע האָפֿענונגען,—האָפֿענונגען, וואָס זײַנען געגאַנגען ווײַטער פֿון די מעגלעכקייטן, וואָס די דעמאָקראַטיזירונג פֿון וואַלרעכט האָט געקענט מיט זיך ברענגען. די דאָזיקע פֿאָדערונג האָט געשפּילט אין דעמאָלטיקן לעבן פֿון דער פּאַרטיי—ווי אויך שפּעטער אין משך פֿון לאַנגע יאָרן—אַ קאָלאָסאַלע ראָלע, זי איז געוואָרן די טרײַבקראַפֿט פֿון פּאָליטישן לעבן און ווירקונג פֿון דער פּאַרטיי אין יענער צײַט.

אין אויגוסט 1894 האָט געזאָלט פֿאָרקומען דער קאָנגרעס פֿון דער ס"ד פּאַרטיי פֿון גאַליציע. דער מחבר פֿונעם אַרטיקל „אונזער קאָנגרעס" כאַראַקטעריזירט אין אַזעלכע ווערטער די פּאָליטישע לאַגע פֿון דעמאָלטיקן עסטרײַך:

„מיר ווייסען, אַז בייא אונז אין גאַליציען איז נאָך נישט דא קיין סאך פֿאבריקען, עס איז נאָך נישט דא קיין סאך גרויססע מייסטערס און גרויסע ווערקשטעטען, וואורען גאַליציען הייבט זיך אָהן ערשט צו ענטוויקלען.

דער עיקר איז בייא אונז דער קליינער מייסטער, וואָס ער קענן באמת נישט, אָדער ער וויל נישט קעננען דאס געווערבע-געזעטץ און דאס ביסעל פּאַראַגראַפֿע, וואס זיי הייססען ניבע אַרבייטער-שוטצגעזעטצע. נישט זעלטען זענען דאָ בייא אונז און נאָך מעהר אויף דער פּראָווינץ דיא פֿעללע, וואָס מען אַרבייטעט בייא דעם קליינעם מייסטער 14—16 און אפילו 18 שעה אין טאג, וויעפיעל מאל זעהסטו שפעט בייא דער נאַכט זיך נאָך לייכטען אַ לעמפעל דא בייא דעם שניידער, דאָרט בייא דעם שוסטער וכדומה. וויעפיעל מאָל זעהסט דוא געוועלבער אָפּפען ביז זייגער האַלב 12 הויפטזעכליך בייא דער סאַיזאָן, אין דיא שפּעטעריי-געוועלבער,—פאַסט נאָר ייִדישע—נאָר רענעלמעססיג ביז שפעט אין דער נאַכט? וויעפיעל כוחות גייט פערלאָרען? וויעפיעל יונג לעבען גייט צו גרונד? דאָס קענן און טהור נישט ווייטער אַזוי זיין.— איבערדעם וועט זיך דער קאָנגרעס בעשעפטיגען מיט דער פראַגע, אז מען זאָל אין גאנץ גאַליציען אָנהויבען אַ שטארקע אגיטאציאָן פאַר איין קלענערען ארבייטס-טאג, און כאָטש מיר פערלאַנגען 8 שעה ארבייט, מוזען מיר אין גאַליציען אָנהויבען בייא קליינעם, און דער קאָנגרעס וועט בעשליעססען צו פערלאַנגען 10 שעה ארבייט, אָבער אויך ניט מעהר. דיא פראַגע איז בעזאָנדערס וויכטיג פאַר יִידישע ארבעטער און משרתים איבערדעם זאָללען זייערע דעלעגירטע זאממלען מאטעריאל און אנטרעגע צו דעם פונקט".

ווײַטער לייענען מיר:

„איינער פֿון די וויכטיגסטע פונקטע וועט זיין: דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט און דער גענעראל-שטרייק. איבער דעם פונקט האבען מיר שוין אין דעם בלאַטט גענוג געשריעבען און

נאָך מעהר געפֿאָדערט. אויף דעם קאָנגרעסס וועללען מיר אויסהערען דיא דעות פֿון דיא פֿערטרעטער פֿון דער פּראָווינץ, וואס זייא קלאָגען און וואס דיא פּראָווינץ מיינט צו דעם גענעראלשטרייק.

מיר ייִדישע סאָציאלדעמאָקראַטען האבען ביים דעם קאָנגרעסס גאָר אַ באַזונדער אינטערעסע מעהר וויא ביים די צווייטע ערשטע. מיר האבען דאס מאָל אויפֿצווייזען אַ ייִדישען אַרבייטער-פֿאַראיין, מיר האבען אונזער אייגען ייִדיש בלאַטט, מיר האבען אַ סאַך ייִדישע אַרבייטער, וואָס זייא זענען אין פֿאַכפֿעראיינען, און איבעראלל האט דיא אַגיטאַציאָן און אָרגאַניזאַציאָן אונטער דיא ייִדישע אַרבייטער גרויססע פֿאָרטשריטטע געמאַכט. די ייִדישע מאַססען שאַרען זיך איממער מעהר אונטער דיא ראָטהע פֿאָהנע, און בילדען איין גרופּפּע מיט אַללע דיא, וואָס זייער צוועק איז: דיא בעפֿרייאונג פֿון דער פּאָליטישער אוןווירטשאַפֿטליכער בעדריקונג.

שוין האָט ריפֿען מיר אַללע דעלעגירטע צו: שלום עליכם וויללקאָמען אין אונזער שטאָדט. דעם קאָנגרעסס ווינשען מיר מוטה און קראַפֿט צור ערפֿיללונג פֿון דיא שווערע אבער וויכטיגע אויפֿגאַבע, און ריפֿען בפה מלא גליק אויף!"

דער 3טער קאָנגרעס פֿון דער ס"ד פּאַרטיי אין גאַליציע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער צײַט פֿון 12—15 אויגוסט 1894 אין לעמבערג. צום קאָנגרעס זײַנען געקומען 58 דעלעגאַטן פֿון 15 ערטער, צווישן זיי צום ערשטן מאָל דעלעגאַטן פֿון פּוילישע סאָציאַליסטישע גרופּעס אין ווין, בודאַפּעשט, טשערנאָוויץ, ביאַלע און אַ דעלעגאַט פֿון די בערג-אַרבעטער פֿון פּויליש-אָסטרוי. דער באַריכט-אָפּגעבער האָט דערציילט, אַז די באַוועגונג שטויסט זיך אָן אויף רדיפֿות, עס ווערן געמאַכט אַ סך פּראָצעסן וועגן „קאָלפּאָרטאַזש" און פֿאַרזאַמלונגען. לעצטנס ווערן די אַרבעטער אַדמיניסטראַטיוו באַשטראָפֿט צו 10—12 טעג אַרעסט דאָס רובֿ פֿאַר זינגען דאָס ליד „טשערוואָני שטאַנדאַר" („די רויטע פֿאָן"). דער רעפֿערענט רעגער האָט איבערגעגעבן, אַז אין קראָקע האָט מען געגרינדעט אַ ריי פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען און אין דער לעצטער צײַט אויך דעם ייִדישן אַרבעטער-פֿאַראיין „ברידערלעכקייט".

בשעת דעם קאָנגרעס איז אין לעמבערגער ראַטהויזזאַל פֿאָרגעקומען אַ גרויסע פֿאָלקס-פֿאַרזאַמלונג מיטן סדר-היום: 1) „וואָס הערט זיך מיט אונדזער וואַהל-רעכט?", 2) די אַגיטאַציע פֿאַר אַ קירצערן אַרבעטסטאָג. „דער אַרבייטער" גיט איבער, אַז „דאסמאל האבען מיר געזעהען אויף דער פֿערזאַמלונג אַסאַך יודען און מיר האָפֿפֿען, אַז דאס וואס זיי האָבען געהערט, וועט זיי בלייבען אין דעם האַרץ און אין דעם קאָפּף". וועגן דעם ערשטן פּונקט האָט רעפֿערירט ד"ר דיאַמאַנד, וועגן דעם צווייטן—דאַשינסקי. אויף דער פֿאַרזאַמלונג האָט מען מיטגעטיילט, אַז דער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן עוועניטועל אָנצוווענדן דעם גענעראַל-שטרײַק אינעם קאַמף פֿאַרן אַלגעמיינעם וואַלרעכט.

אין דעם באַריכט אויפֿן קאָנגרעס געפֿינען מיר נישט קיין בילד פֿון דער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער. ס'איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז אין דעם באַריכט, וואָס איז וועגן דעם קאָנגרעס פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין „נאַפּשוד", ווערט מיטגעטיילט, אַז „דער אַרבייטער" דרוקט זיך אין 600 עקזעמפּלאַרן. אין דעם באַריכט געפֿינען מיר אויך אַ באַמערקונג, אַז די באַוועגונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער און צווישן די פֿרויען זײַנען די שוואַכסטע, ווײַל עס פֿעלן די פּאַסיקע אַגיטאַטאָרן און ווײַל די נויט צווישן די ייִדישע אַרבעטער איז גרעסער ווי בײַ אַנדערע, און דאָס מאַכט זייער אָרגאַניזירונג שווערער. אויפֿן קאָנגרעס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע צו נעמען צו קענטעניש, אַז עס האָט זיך געגרינדעט אַ „זשאַרגאָניש-ייִדישע" צײַטונג „דער אַרבייטער", אונטער דער רעדאַקציע פֿון יאָאַכים פֿרענקעל און זײַן פּאַרטנער—וואָהלמאַן. רובינשטיין פֿון קראָקע האָט פֿאָרגעטראָגן אַ רעזאָלוציע קעגן אַנטיסעמיטיזם, אָבער מ'האָט עס געפֿונען פֿאַר איבעריק און די רעזאָלוציע אָפּגעוואָרפֿן.*

---

* זע וועגן דעם ווײַטער, אין אַרט' פֿון ש. בלום. — רעד'.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער באַוועגונג פֿון יענער צײַט זײַנען דרײַ דיסקוסיע־אַרטיקלען אין דעם „אַרבייטער" אד"ט: „צי זאָל אַ יוד זיין אַ סאָציאַליסט?" אין דעם ערשטן אַרטיקל זאָגט זיך אַרויס דער מחבר ש. ל. פֿון יאַסלאָ אַזוי וועגן דער פֿראַגע:

„ווען מיר יודען בערעכנען אונז, וויא ווייט מיר אויף דער וועלט פעראַכטעט און פערפּלאָגט ווערען, ווי אונזערע מעלות און חכמות זענען מבוזה, וויא מאַן אונז אין יעדען לאַנד ווי גוים בעטראַכט, גאַר נישט מיט אכצעהן מאהל (18) ליעבע וויא אין דער תורה שטייט ,ואהבתם את הגר" 18 מאָל, וויא לייכט קען אונז די שאלה אין קאָפּף אריין, צו קעננען מיר זיין סאָציאַליסטען ד. ה. צו האבען מיר דאס זעלבע רעכט צו עהוואַרטען פון דעם סאָציאַליסטען־זיעג, וויא אנדערע פעלקער?" „דיעזע שאלה קען אפשר דאָס יודישע ארבייטער פאָלק צוריקהאלטען, סאָציאַליסטען צו זיין, עס איז דערפאַר אונזער פפליכט, דיא שאלה צו פערענטפערן, און כדי אז יעדער זאָל דעם תירוץ פערשטיין, מוזן מיר א בילד פון אונזער פאָלק בכלל, און פין אונזערע האנדווערקער בפרט פארשטעללען!"

דאָ קומט אַ שילדערונג, ווי אַזוי די ייִדן אין פּוילן זײַנען איבערגעגאַנגען צו האַנטווערקערײַ:

„... אנפאַנגס זענען דיא בעל מלאכה'ס בייא יודען שטאַרק פעראַכטעט געוועהן, דערנאָך וויא דיא וועלט האט אנגעהויבן זיך צו פערפיינערן, און די יודען האבען זיך אויך צוגעשטעפּט צו בעססערע מלאכות, האט זיך געמאַכט א גאַנץ אנדערע צרה. דיא אַללע מייסטערס, וואס דאס גליק האט זייא אביססעל געשפיעלט, האבען זיך אנגעהויבען מיט דער מלאכה צו שעהמען און דאפון זענען ארויסגעקומען שיינע מעשות. דער מייסטער האט זיך אנגעהויבן צו יחוסן, און דער וואס איז אַזוי אומגליקליך געוועהן, בייא איהם א ארבייטער צו זיין, האט געמוזט ליידען דעם מייסטערס בושה און טאַקי פערשוואַרצט אין פערפינסטערט צו ווערען פאַר דעם מייסטערס על חטא, און אזוי זעהען מיר אויך ביז האַנט. דער מייסטער, וואס געהערט צו דער אלטער וועלט, ווערט א מיוחס און דעם געזעללען פון דער נייער וועלט, שיקט ער צוריק אין דער אלטען וועלט אריין, וואָס די מלאכה איז נאָך געוועז מבוזה. דער מייסטער האט מיט דעם אמתדיגען ייִדישען נאָמען געהייסען חיים בלעכעווניק, הייסט ער האַנט העררר טאננענבוים, פריהער משה שניידער, האַנט העררר בערגנטרוין א. ז. וו. און אז מען זאָל איהם חלילה ריפען ביי דעם מלאכה נאמען, וואָלט ער אייך געוואָרען א בליט שונא, אבער זיין ארבייטער, דעם ווילל ער האבען פאַר דעם בעל מלאכה און טאַקע אויף דעם אלטען אופן, און ווייל דיא מלאכה איז בייא יודען געוועהן מבוזה, האט זיך געמאַכט, (דאס איז אויך דער פאַלל בייא קריסטען נאָר אימער נישט אַזוי וויא בייא יודען), אז א בעססערע האנדווערקער קיקט מיט אביססעל שטאָלץ און פעראַכטונג אויף דעם קלענערען, אין זיינע אויגען ניעדריגערען האַנדווערקער, וויא למשל אויף איין שניידער, איין שוסטער. וויא נאַרריש און אונבערעכנעט דאָס איזט, פערשטעהט א יעדער בעססער דענקענדע מענש, האט דיא בהורה, איידער ער ווירד געבווירען, דאס צו ווערען, וואס ער ווילל. מיר ווילען אַללע אונזערע מיטמענשען פאַר ברידער בעטראַכטען אָהן אונטערשיעד פון האַנדווערק און רעליגיאָן, אַזוי וויא דער אמתדיגע ריינע סאָציאַליזמוס לויטעט. דער סאָציאַליזמוס ווייסט קיין חילוק נישט פון איין האַנדווערקער צום אנדערען, פון א יוד צו א קריסט, און אַללע אמתדיגע סאָציאַליסטען קעננען דעם ארויסדרוק סאָציאַליזמוס נישט איין אנדערען פשט געבען. מיר יודען האָבען אויף אזא ארט דאָס רעכט, אַללעס בעכטע פאַן דעם סאָציאַליסטען־זיעג צו ערוואַרטען.

אויך קעננען מיר מיט אונזער שטרעבען פיר דיעזע פּאַרטייא בעווייזען, אז אונזערע גרויססע קאפּיטאַליסטען, וויא ראָטהשילד, הירש, און אויך אנדערע, בייא אונז קיינען גרויססען ווערטה האבען, און מיר וואָללטען זייא אין קרן אבגעטרעטען, ווען מיר זאָללען נאָר קעננען, פין זייא האבען מיר גיטס גאָר נישט, נאָר דורך זייא צרות געננוג".

אַרום דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט זיך אַנטוויקלט אַ פּאָלעמיק. מיט אַן ענטפֿער איז אַרויסגעטראָטן אַ צווייטער אַנאָנימער שרײַבער .N. Km, וועלכער האַלט, אַז ס'איז

פּשוט אַ געלעכטער, ממש אַ חוכי-וטלולי, ווען מען פֿרעגט „צי זאָל אַ יוד זײַן אַ סאָציאַליסט?“. פֿאַר דעם שרײַבער איז דאָס אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך:

„פּשיטא! פאַר וואָס ניט? איז ער דען קיין מענש ניט? אדרבא! ערשט ער זאָלל אַ סאָציאַליסט זיין! דער יודע, דער זייט יאהרטויזענדע וויא אַ שעפעלי צווישען דיא וועלפע איז, זאָלל דאָך מיט אַללען מיטטעלן דאהין אַרבייטען, דאסס עס זאָלל שוין קומען דיא פין איהם זאָ געווינשענדע צייט, אין דער „דיא וועלפע מיט דעם שעפעלע צוזאממען אין פריעדען וואָהנען״, אַ צייט אין דער „קיין פאָלק ווידער דאס אַנדערע איין שווערט אויפהעבען אונד ווערדען ניכט מעהר קריעג לעהרען״, איין צייט אין דער קיין „שעבוד מלכיות״ מעהר עקסיסטירען ווירד..... אונד וועלכע צייט איז זיא ווייטער אַלס דיא צייט וואָס אַללע סאָציאַל-דעמאָקראַטען ווינשען זיא בקרוב צו דערלעבען?

עס איזט דאהער כלל קיין שאלה, דאסס כמעט יעדער יוד איזט בלב אַ סאָציאַליסט״.

ש. ל., וועלכער האָט אָנגעהויבן די דיסקוסיע, ענטפֿערט אויף דעם דאָזיקן אַרטיקל פֿון .N. Km—ער איז נישט מסכּים מיט די אויספֿירן פֿון זײַן אָפּאָנענט וועגן דעם, אַז יעדער ייִד „איז בלב אַ סאָציאַליסט“, און באַנוצט זיך אין זײַן אַרגומענטאַציע מיט ציטאַטן פֿון דער גמרא און פֿאַררופֿט זיך דערבײַ אויף די „הייליגע תּלמודיסטען“:

„... אויך ווילל דיעזער הערר [.N. Km—י. ב.] נישט וויססען, אַז ס׳איז צווישען אונז דאָ אַ חסידישע פּאַרטייא, וואָס אויך נישט אַ קלײנער סך פון גאַליצישע אַרבייטער אין מייסטער צו דער אבטיילונג געהערען, אין בייא זייא וועט ער נישט פיעל פּוילין, ווען ער וועט זייא פּאַרטייטשען די פסוקים פון ישעיה הנביא אויף סאָציאַליזמוס געמיינט, זייא האָפען אויף אַ גאַנץ אַנדערען משיח. זייא מיז מאַן אויף איין אַנדערער אַרט ערקלעהרען אין דעם אמת זאגן, אַז יודען פּאַססט סאָציאַליסטען צו זיין אַללענפאַללס, יודען הייסען רחמנים בני רחמנים אין עס שטייט זייא נישט אָהן דעם צו איין צווייטען אויסציניצען, אין זיך פין איין אַנדערען העכער צוהאַלטען, זאָלל אויך בייא יודען נישט זיין, ווי גמרא זאָגט אויף „עבדים היינו לפרעה במצרים״—מאַכט דיא גמרא דיא ערהאַבענע אויסלעגונג „ולא עבדים לעבדים״. אין קעננען וויר לייכט פערשטיין, אַז אונזערע הייליגע תּלמודיסטען דיא גלייכהייט דאמיט בעצוועקען וואָללטען״...

די אויבן געבראַכטע ציטאַטן באַווײַזן קלאָר, וואָס פֿאַר אַ פּרימיטיוון כאַראַקטער עס האָט געטראָגן צו יענער צײַט די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין גאַליציע.

אין נומער 18 פֿון דעם „אַרבייטער“ געפֿינען מיר אַ סך-הכּל פֿון דעם ערשטן יאָר אַרבעט. אין דעם אַרטיקל „דאס צווייטע יאהר“ לייענען מיר:

„אַקוראַט אַ גאַנץ יאהר איז אַוועק, זייט דעם מיר האבען דיא ערשטע נוממער פון אונזער בלאַטט אַרויסגעגעבען. זייט דעם מיר זענען צום ערשטען מאָל צו דעם פינסטערען בידנעם יודישען פּראָלעטאַריער געקומען מיט דער בקשה, דערקעננען דיא לאַגע. קלער נאך, פּאַרוואָס איז דיר אַזוי שלעכט? מיט באַנגען אין מיט לאַנגער מיהע האבען מיר זיך היינט אַ יאהר ענטשלאָססען דיא מאַנוסקריפּטע דעם דריקער צו איבערגעבען, ווייל מיר האבען זיך פֿריהער געפרעגט, יועט דער אָרמסטער צווישען דיא אָרמען, דער געדריקטעסטע צווישען דיא געדריקטע, דער אויסגעבייטעטסטע צווישען דיא אויסגעבייטעטע, ווירד ענדליך אויך דער יודישע פינסטערלינג, דער יודישע פּראָלעטאַריער האבען פערשטענדניס פיר אונזער זאַכע אין פאַר זיין אויפקלערונג? מיר האבען דאַמאַלס אויף אַללע פּראַגען געענטפערט „יא״, אין היינט נאך קוים אַ יאהר מיססען מיר אונזערע געגנאָססען בעקעננען, אַז מיר האבען זיך נישט טועה געוועזען, אַז אונזערע גענאָססען האָפען פּאָוואָליטשקע אויף פון דעם לאַנגען שלאָף אין אַזוי וויא אַללע אַנדערע זאגען אויך זייא: „עס מיז אַנדערש ווערען״.

ווענן איך פערגלייך דאס פּראָגראַם, וואס אונזער בלאַטט האט אין זיין ערשטער נוממער אויפגעשטעלט מיט דעם אינהאַלט אַללער בלעטטער דעם „אַרבייטערס״ פין דעם פערפלאָססענען יאהר, מיססען מיר אָפּפען אין אונפּאַרטייאיש איינגעשטעהען, אַז דער אַרבייטער האט זיין וואָרט געהאַלטען. מיט אונערשראָקענער מיעה, מיט אויפריכטיגער וואהרהייט האבען מיר געטראַכט

אויפצורעקין אין נאכציוויזען דיא פעהלער פין דער היינטיגען געזעלשאפטסאָרדנונג, מיר האָבען זיך מיהע געגעבען דעם יודישען ארבייטער דיא אורזאכע פין זיין עלענדער און ביטטערער לאגע נאכצוּוויזען, איהם אבער אויך גלייכצייטיג דיא מיטטעל צו ווייזען, וויאזוי ער קענן זיך זיין לאגע פערבעסערען. גלייך מיט אַללע סאָציאַל-דעמאָקראטען פין גאנץ עסטערדייך האָבען מיר געקעמפפט אין אינזער בלאַטט פאַר ארבייטעראינטערעססען, פאר דעם סאָציאַלדעמאָקראַטישען פראָגראַם אין דורך דעם האָט זאָהאָהל אונזער לאַנדעסקאָנגרעסס וויא אויך דער אַללגעמיינע עסטערדייכישע פארטייטאג אונזער בלאַטט אַלס פּאַרטייאָרגאַן אַנערקאַנט.

אין איינער רייהע פין אַרטיקלען האבען מיר געטראַכט אונזערע לעזער צו בעלערנען, וואס דער סאָציאַליזמוס איז אין וואס ער ווילל. מיר האבען גלייך מיט דיא אַנדערען פּאַרטייבלעטטער געקעמפפט פאַר דער עראָבערונג פין דעם אַללגעמיינען וואַהלרעכט אין דעם קירצען ארבייטסטאָג.

מיר האבען אבער אויך שפעציעלל געקעמפפט געגען דיא יידישע בורזשואזיע אין געגען יודישע אויסביטער, מיר האבען אין דער שטענדיגער רובריק „וויא מאַן אונז בעהאַנדעלט״ געבראַכט קריוודעס, וואס יידישע פריצימלעך טהין אן טאַקי יידישען ארבייטערן, טאַקי—וויא זייא זאגען—זייערע יידישע ברידער. מיר האבען זיך געווענדעט שפעציעלל צו דיא יידישע גענאָססען, כדי זיי נאכצוּוויזען, אַז נאָר דער סאָציאַליזמוס קען דיא סאָציאַלע פראגע לעזען, אין אונזערע לעזער האבען אונז פארשטאַנען, זייא האבען אונז אויפגעפאַסט. היינט נאָך איין יאהר שטעללען מיר זייא דאס צייגניסס אויס, אז ווענן מיר קענען דאס בלאַטט ארויסגעבען איז דאס מעהר זייער פערדיענסט, וואס זייא האבען דאס בלאַטט געלעזען אין פערברייטעט, וואס זייא האבען דורך דעם אונזערע אידעען גיטראגען אין דיא פינסטערסטע ערטער, צו דיא פינסטערסטע פראָלעטאַריער.

„מיט גרויס שמחה קאָנסטאַטירען מיר דאָ—אין נאָך פריהער האט דאס דער אונלענגסט אבגעהאַלטענע קאָנגרעס געטהאן,—אַז דער סאָציאַליזמוס פינדעט זיין איינגאַנג אויך צווישען דיא פינסטערסטע מאַססען, אויך אינטער דעם יודישען פאָלק״.

אין 1895 איז פֿאָרגעקומען דער 4 טער קאָנגרעס פֿון דער ס״ד פּאַרטיי אין גאַליציע אין נײַ-סאַנץ. אין באַריכט גיט איבער טשערסקי אין נאָמען פֿון קאָמיטעט אין מזרח-גאַליציע, אַז אין יאָר 1894 האָט מען אָרגאַניזירט סטאָליאַרעס, ציגלערס און יידישע אַרבעטער. ער ווײַזט אָן אויף דער טעטיקייט פֿון דעם פֿאַראיין „ברידערלעכ-קייט״ אין פּרעמישלע און דעם פֿאַראיין „וואַהרהייט״ אין קאָלאָמיי. אין דער דיסקוסיע ווערט באַרירט די פֿראַגע פֿון אַגיטאַציע צווישן די יידישע אַרבעטער דורכן קראָקעווער דעלעגאַט, סעקרעטאַר פֿון דער „ברידערלעכקייט״, איגנאַצי בראָס,[19] וועלכער פֿאָדערט, אַז מען זאָל שיקן אַ גוטן יידישן אַגיטאַטאָר קיין קראָקע. מען באַשליסט אויפֿצו-געבן דעם מערבֿ-גאַליצישן קאָמיטעט צו אַנטוויקלען אַן אַגיטאַציע צווישן די יידישע אַרבעטער אין קראָקע, באַזאָרגן מיט אַגיטאַטאָרן, וואָס קענען דעם „זשאַרגאָן״, אַרויסגעבן אויפֿרופֿן אין „זשאַרגאָן״ און אָרגאַניזירן עפֿנטלעכע יידישע פֿאַרזאַמלונגען.

אין יענער צײַט לייענען מיר וועגן אַן עפֿנטלעכער פֿאַרזאַמלונג אין קראָקע, וווּ עס רעפֿערירט רעגער אויף פּויליש, שווייצער אויף דײַטש. מיר שטויסן זיך אָן צום ערשטן מאָל אויף אַן עפֿנטלעכער דיסקוסיע מיט די ציוניסטן: „נאַפּשוד״ טיילט מיט, אַז אין דעצעמבער 1895 איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרזאַמלונג אין קראָקע אויף דער טעמע „סאָציאַליזם און ציוניזם״; עס האָט רעפֿערירט דאַשינסקי. אין דער דיסקוסיע האָט גענומען אַ וואָרט דער ציוניסט כאַמיידעס, וועמען דאַשינסקי האָט אָפּגעענטפֿערט.

---

19 אַ ברודער פֿון דעם מחבר פֿון דעם אַרטיקל. ער איז געשטאָרבן דעם 6טן יאַנואַר 1938. — רעד׳.

אין מאַי 1895 זײַנען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, ווי „נאַפּשוד“ גיט איבער, פֿאַרזאַמלונגען פֿון ייִדישע קאַמאַשן־מאַכערס („אָבערטייל־מאַכער“, ווי זיי האָבן זיך גערופֿן). אויף דעם דאָזיקן פֿאַך איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אַ ביסל אויספֿירלעכער. ווי די טלית־וועבער אין קאָלאָמיי, זײַנען דאָס געווען אַרבעטער, וואָס האָבן אויך כּמעט אויסשליסלעך געשטאַמט פֿון אַ פֿרומער סבֿיבֿה. אַ בעל־מלאָכה איז בײַ ייִדן אין יענע צײַטן געווען אַ מענטש פֿון אַ נידעריקן סאָרט. אַ געוויסן אויסנאַם האָט מען אָבער געמאַכט פֿאַרן פֿאַך קאַמאַשן־מאַכערס. מען האָט עס הפּנים געהאַלטן פֿאַר אַ ביסל אַן „איידעלערער“ באַשעפֿטיקונג; אַ סך פֿון די קאַמאַשן־מאַכערס האָבן אַ לאַנגע צײַט אַפֿילו געטראָגן בעקעשעס. אַ קאַמאַשן־מאַכער איז אויך געווען דער שפּעטערדיקער אויסגעצייכנטער אַגיטאַטאָר פֿײַוול דעמביצער, דער זון פֿון אַ מיטגליד פֿון קראָקעווער ראַבינאַט. צווישן די דעמאָלטיקע קאַמאַשן־מאַכערס האָט זיך אַרויסגערוקט אַ סימפּאַטישער אַרבעטער, מיטן נאָמען יוסף ווײַנבערג פֿון קראָקע, שפּעטער האָט יוסף ווײַנבערג עמיגרירט קיין אַמעריקע, וווּ ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און פֿאַרנעמט דאָרט איצט אַן אָנגעזעענעם אָרט; שוין 3 מאָל, ווי ער איז אויסגעוויילט געוואָרן פֿאַרן פּרעזידענט פֿונעם „אַרבעטער־רינג“. ער איז געבליבן געטרײַ דער אַלטער היים און איז איינער פֿון די געטרײַסטע און איבערגעגעבנסטע פֿרײַנד פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּוילן און פֿון דעם „בונד“.

אין סטאַניסלאָוו, מזרח־גאַליציע, האָט צו יענער צײַט אויסגעבראָכן אַן עקשנותדיקער שטרײַק פֿון די גאַרבער־אַרבעטער, וועלכער האָט דערפֿירט צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן די אַרבעטער און די אונטערנעמער... אין נאָוועמבער 1895 זײַנען פֿאַרן קרײַזגעריכט אין סטאַניסלאָוו אָנגעקלאָגט געוואָרן 17 ייִדישע אַרבעטער דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן זיך, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון צוויי אַרבעטער, משה טאַבאַק און זעליג קאָפּלער, אַרײַנגעריסן אין אַ גאַרבערײַ; די 17 אָנגעקלאָגטע זײַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן צו שטראָפֿן צווישן 1—3 חדשים.

אין יאָר 1896 האָבן אין גאַליציע, ווי עס מעלדעט דער „אַרבייטער־קאַלענדאַר“, וואָס די ס״ד פּאַרטיי אין גאַליציע האָט אַרויסגעגעבן, עקסיסטירט די ווײַטערדיקע פֿאַראיינען פֿון ייִדישע אַרבעטער, וואָס זײַנען פֿאַרצייכנט אין דעם „אויסווײַז“ פֿון פּוילישע אַרבעטער־פֿאַראיינען: 1) פֿאַראיין „ברידערלעכקייט“ אין קראָקע, 2) „יד חזקה“ אין לעמבערג, 3) „וואַהרהייט“ אין קאָלאָמיי און 4) „ברידערלעכקייט“ אין פּרעמישלע. דער טעמפּ פֿון דער אַרבעט זעט אויס צו זײַן נישט זייער קיין שטאַרקער. מיר דערוויסן זיך אַ שטײַגער, אַז אויף דער גענעראַל־פֿאַרזאַמלונג פֿון „יד חזקה“ קלאָגט מען זיך, אַז עס זײַנען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ווייניק דיסקוסיעס און רעפֿעראַטן. דעם באַריכט אויף דער פֿאַרזאַמלונג האָט אָפּגעגעבן שטעכענבערג; עס איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז שטעכענבערג—מסתּמא אַן אַרבעטער—האָט זיך באַטייליקט ווי אַ דעלעגאַט בײַם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין ציריך אין 1893.

דאָס יאָר 1896 איז געווען אַ יאָר פֿון באַדײַטיקער פּאָליטישער אויפֿלעבונג אין גאַליציע, און אין עסטרײַך בכלל. די פֿראַגע פֿון קאַמף פֿאַרן וואַלרעכט איז נאָך אַלץ דער אויסגאַנגספּונקט און דער סטימול פֿון דער אויפֿלעבונג. עס קומען פֿאָר צוויי גרויסע דעמאָנסטראַציעס קעגן גראַף באַדעני און זײַן פּאָליטיק. אויך אויף דער ייִדישער גאַס געפֿינען מיר וועגן דעם אַן אָפּקלאַנג. אין לעמבערג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג; עס איז אַרויסגעטראָטן ד״ר דיאַמאַנד, וואָס האָט גערעדט וועגן דער ייִדישער נויט; וועגן פּרעסע האָט רעפֿערירט דער דערמאָנטער שטעכענבערג.

אין דעם יאָר 1896 ווערט אויפֿן אָרט פֿון דעם „אַרבייטער“, וועלכער האָט זיך מיט אַ פּאָר חדשים פֿריער אָפּגעשטעלט, אַרויסגעגעבן אַ נײַע ייִדישע סאָציאַליסטישע

צײַטונג „דאָס ייִדישע פֿאָלקסבלאַטט", אונטער דער רעדאַקציע פֿון ד"ר צעטערבוים,[20] אירע אויפֿגאַבן פֿאָרמולירט די צײַטונג אַזוי: „מיר מיססען פֿאַר דיא זאַכע פֿון סאָציאַ-ליזמוס געווינגען דיא אַממייסטען אונטערדריקטע פֿון אַללע אונטערדריקטע". „דאָס ייִדישע פֿאָלקסבלאַטט" ווערט אָנערקענט פֿון דער פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ אין מזרח-גאַליציע ווי אַ פּאַרטיי-אָרגאַן.

אין עסטרײַך רוקן זיך אַלץ מער און מיט נײַער קראַפֿט אַרויס סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פֿון די פֿעלקער, וואָס וווינען אין דער עסטרײַכישער מלוכה. די ערשטע באַקומט אַ קלאָרן פּרצוף די טשעכישע ס"ד אַרבעטער-פּאַרטיי—און עס וואַקסט אָרגאַניש אַרויס דער פּרינציפּ פֿון נאַציאָנאַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, געשטיצט אויף פֿעדעראַ-טיווע יסודות. מיט דעם פֿאַקט מוזן זיך רעכענען די צענטראַלע אינסטיטוציעס און פֿאַרוואַלטונגען פֿון דער עסטרײַכישער ס"ד פּאַרטיי. צום ווינער קאָנגרעס 1896 איז דער דאָזיקער בנין כמעט גרייט. עס מאַרשירן שוין ווי פֿעדעראַטיווע טיילן פֿון דער געמיינ-זאַמער אַרמיי דײַטשע, טשעכישע, פּוילישע, איטאַליענישע און דרום-סלאַווישע אַרבעטער. יאַראָשעוויטש, אַן אוקראַיִנישער ראַדיקאַל, מאַכט אַ דערקלערונג, אַז זיי, די אוקראַיִנישע ראַדיקאַלן, שטייען אויף דעם שטאַנדפּונקט פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. הגם זיי זײַנען נאָך פֿאָרמעל ניט קאָנסטיטויִרט אין אַן אוקראַיִנישער ס"ד פּאַרטיי, דאָך ווערט שוין פֿאַר זיי רעזערווירט און אָפֿן געהאַלטן אַ פּלאַץ אין דער פֿעדעראַטיווער פּאַרטיי. נאָר איין שטים הערט מען נאָך אַלץ נישט—די שטים פֿון די ייִדישע אַרבעטער. זיי מעלדן זיך נישט און פֿאַר זיי ווערט קיין פּלאַץ ניט רעזערווירט; מען האַלט דעם היסטאָרישן פּראָצעס פֿאַר פֿאַרענדיקט. און ווען מיט 9 יאָר שפּעטער האָבן זיך געמאָלדן פֿאַרטרע-טער פֿון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט, וואָס האָט פּראָקלאַמירט די גרינדונג פֿון דער יסדאַ"פּ, האָבן זיי זיך אַנגעשטויסן אויף אַ פֿאַרביטערטן ווידערשטאַנד מצד די פֿירער פֿון די ס"ד און אויף פֿאַרמאַכטע טירן.

נאָך איין מאָל שווימט אויף די דאָזיקע פֿראַגע אין דער צײַט פֿון פֿעדעראַטיוון איבערבוי פֿון דער ס"ד פּאַרטיי אין עסטרײַך. אויפֿן קאָנגרעס פֿון דער פּאַרטיי אין גאַליציע, וועלכע נעמט אָן דעם נאָמען „פּוילישע ס"ד פּאַרטיי פֿון גאַליציע און בוקאָ-ווינע", טראָגט אַרײַן אַ פֿאָרשלאָג צו גרינדן אַ זעלבשטענדיקע ייִדישע ס"ד פּאַרטיי יאַן קאָזאַקעוויטש — אַן אינטערעסאַנטע געשטאַלט, אַ האַלבער אַרבעטער, אַ האַלבער קינסטלער, אַ פֿרײַער מענטש מיט אַ וואַרעם האַרץ און אַ חוש פֿאַר גערעכטיקייט. פֿאַר זײַן פֿאָרשלאָג זאָגן זיך אַרויס בסך-הכּל 6 מיטגלידער פֿון קאָנגרעס; די געוואַלדיקע מערהייט וואַרפֿט דעם פֿאָרשלאָג אָפּ. צום באַדויערן זײַנען אונדז נישט באַקאַנט די נעמען פֿון די דאָזיקע 6 מיטגלידער. די אָפֿיציעלע פֿירער—צווישן זיי אויך די ייִדישע לויט זייער אָפּשטאַם—האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט דער דאָזיקער פֿאָדערונג. אָבער זיי זײַנען נישט בכּוח געווען מנצח צו זײַן דאָס לעבן. די פֿאָדערונג וועגן אַ ייִדישער פּאַרטיי איז שוין מער ניט אַראָפּ פֿון דעם סדר-היום. לויט פּריוואַטע ידיעות, איז די פֿראַגע נאָך אַ מאָל באַהאַנדעלט געוואָרן אויף אַ קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישע אַרבעטער אין 1899, אָבער אויך דאָ האָט דער פֿאָרשלאָג נישט געווונען קיין מערהייט.

---

די יאָרן 1899—1901 זײַנען געווען יאָרן פֿון ירידה אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין גאַליציע. דאָ און דאָרט האָבן נאָך געטליעט פֿונקען, אָבער דאָס לעבן

---

20 ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן (זע הערה 2) האָט אין 1892 דערשײַנט די „אַרבייטער-שטימע", וואָס איז געווען דער אָרגאַן פֿון די א"ג אומאָפּהענגיקע ייִדישע סאָציאַליסטן; ניט געקוקט אויף אַלע באַמיִונגען, איז אונדז ניט געראָטן די דאָזיקע צײַטונג צו באַקומען; קאָנטיק, אַז זי האָט עקסיסטירט גאָר אַ קורצע צײַט (זי ווערט דערמאָנט בײַ ה. גראָסמאַן, „דער בונדיזם אין גאַליציע"). פֿון סעפּט' 1893 ביז 1896 האָט דערשײַנט „דער אַרבייטער" און נאָך אים—„דאָס ייִדישע פֿאָלקסבלאַטט".

אין די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס האָט גענומען לאַנגזאַם אויסגײן. די ווײַטערדיקע געשיכטע פֿון דער באַוועגונג, איר נײַע אויפֿלעבונג און אַנטוויקלונג געהערן שוין צו אַן אַנדער תּקופֿה, וואָס גײט ניט אַרײַן אין די ראַמען פֿון דעם באַנד, אָבער כּדי צו געבן אַן אַלגעמײנע פֿאָרשטעלונג, ווי האָט זיך אַנטוויקלט די באַוועגונג, וואָס אירע שרשים ליגן אין דער תּקופֿה, וואָס מיר באַשרײַבן דאָ, ווילן מיר בקיצור אָנווײַזן אויף די הויפּט-מאָמענטן פֿון איר ווײַטערדיקער געשיכטע.

אין יאָר 1902 איז אַרײַנגעטראָטן אַ פֿרילינג אין דער אַרבעטער-באַוועגונג בכלל. די געוואַלדיקע שטרײַקן אין דרום-רוסלאַנד, די אומרוען אין די רוסישע אוניווערסיטעטן זײַנען געווען סימנים פֿון אַ וואַקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע. אין גאַליציע האָט די אויפֿלעבונג פֿון דער אינדוסטריע געשאַפֿן נײַע מעגלעכקײַטן און צענטערס פֿאַר אַן אויפֿגעלעבטער טעטיקייט פֿון די אַרבעטער-פּאַרטייען. אויך אויף דער ייִדישער גאַס איז געוואָרן לעבעדיקער. — אין די ראַמען פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿון פּפּס״ד, ווו די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געפֿונען, זײַנען צו דער אַרבעט געקומען סטודענטן, נײַע אינטעלעקטועלע קרעפֿטן, וועלכע האָבן מיט אַ יונגער ברויזנדיקער ענערגיע פֿונאַנדערגעטראָגן דעם געדאַנק פֿון סאָציאַליסטישער טעטיקייט איבער די ייִדישע שטעט און שטעטלעך פֿון גאַליציע. דאָס האָט געפֿירט צו דער נויטווענדיקייט צו צענטראַליזירן די אַגיטאַציע-אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער און האָט אונדז, די טוערס פֿון יענער צײַט, געשטויסן זיך צו זיכערן, נאָך אין די ראַמען פֿון דער פּפּס״ד, אויטאָנאָמע פֿאָרמען פֿאַר דער באַוועגונג פֿון ייִדישע אַרבעטער. די אַרבעט איז געוואַקסן אונטער די הענט. אַ נעץ פֿון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָט באַדעקט גאַליציע פֿון קראָקע ביז פּאָדוואָלאָטשיסק. אין אונדזער אַרבעט האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף דער שטעלונג פֿון יענע חבֿרים פֿון דער פּפּס״ד, וואָס האָבן נאָך אַלץ באַהאַנדלט די דאָזיקע פֿאָדערונגען פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער אַלטער אַסימילאַציע-טעאָריע. מיר זײַנען געשטאַנען אויפֿן באָדן פֿון די באַדערפֿענישן פֿון דער ייִדישער מאַסע, זײ האָבן נאָך אַלץ פֿאַרטיידיקט די אַלטע מײנונג, אַז אַן אויטאָנאָמע ייִדישע אָרגאַניזאַציע, ייִדישע אַגיטאַטאָרן, ייִדישע צײַטונגען דערווײַטערן די מאַסע פֿון יענעם ציל, צו וועלכן זײ האָבן געשטרעבט — פֿון דער אַסימילאַציע פֿון די ייִדישע מאַסן מיט דער אַרומיקער פּוילישער סבֿיבֿה.

די רעאָרגאַניזאַציע פֿון דער עסטרײַכישער ס״ד פּאַרטײ אויף פֿעדעראַטיווע יסודות איז געוואָרן אַ נאַטירלעכער וועגווײַזער אין דעם קאַמף פֿאַר אונדזערע פֿאָדערונגען. אין יאָר 1903 איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישע אַרבעטער. אויך דאָס מאָל האָט דער אויטאָריטעט פֿון די פֿירער דאַשינסקי, דיאַמאַנד און מיקאָלאַי האַנקעוויטש מנצח געווען די לעבנס-פֿאָדערונג פֿון די ייִדישע אַרבעטער — די פֿאָדערונג פֿון אַן אײגענער, זעלבשטענדיקער און גלײַכבאַרעכטיקטער ייִדישער סאָצ׳-דעמ׳-אַרבעטער פּאַרטײ. אָבער דאָס לעבן האָט מיט אַן אײַזערנער לאָגיק געאַרבעט פֿאַר אונדז. פֿון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד זײַנען אָנגעקומען ידיעות וועגן דעם העלדישן קאַמף פֿונעם „בונד“, וועגן דעם געוואַלדיקן גײַסטיקן רענעסאַנס, וואָס די אַרבעט פֿון „בונד“ האָט אַרויסגערופֿן אין די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן. מיט אײגענע אויגן האָבן מיר געזען, וואָס אַ זעלבשטענדיקע ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ איז בכּוח אויפֿצוטון; מיר האָבן געזען, ווי די באַדײַטונג פֿון דער פּאַרטײ וואַקסט אַרויס איבער די ראַמען פֿון אַ פּאָליטישער באַוועגונג צו אַ רענעסאַנס-באַוועגונג, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט נישט נאָר די שענסטע בלומען פֿון אינדיווידועלן העראָיִזם, נאָר אויך געהאַט אַ געוואַלדיקע באַדײַטונג אין דעם קולטור-לעבן, אין דער ייִדישער קונסט און ליטעראַטור. די דאָזיקע פֿאַקטן האָבן אונדזער באַוועגונג אין גאַליציע צוגעגעבן פֿליגלען. דער וווּקס פֿון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס און די טאַקטיק פֿון די אָנפֿיר-אינסטאַנצן פֿון דער פּפּס״ד האָט צוגעאײַלט דעם מאָמענט פֿון דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער זעלבשטענדיקייט.

די יאָרן 1902—1903 זײַנען געװען אַ צײַט פֿון אױפֿלעבונג אין דער אַרבעטער־באַװעגונג. דאָס איז געװען אַ רעזולטאַט פֿון צװײ סיבות: די פֿאַרבעסערונג פֿון דער קאָניונקטור און דער װוּקס פֿונעם פּאָליטישן באַװוּסטזײַן, דער װוּקס פֿון דעם געפֿיל פֿאַר דער אײגענער װערדע בײַם אַרבעטער־קלאַס, אױך װעלכן עס האָבן משפּיע געװען די ידיעות װעגן דער שטאַרקערונג פֿון דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג אין פּױלן, אין רוסלאַנד און אין אַנדערע מדינות אונטערן צאַרישן יאָך. אױף דער ייִדישער גאַס האָט זיך פֿאַרגיכערט דער טעמפּאָ פֿון לעבן. צו דער אַרבעט האָבן זיך גענומען יונגע מענטשן (דעמאָלט—סטודענטן), די שפּעטערדיקע שאַפֿער פֿון דער באַזונדערער ייִדישער אַרבעטער־פּאַרטײ.

דעם 1טן מאַי 1905 האָט אונדזער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אין די מאַי־פֿאַרזאַמלונגען און אין אױפֿרופֿן פּראָקלאַמירט די גרינדונג פֿון דער ייִד' ס"ד אַרבעטער־פּאַרטײ אין גאַליציע. מיט צװײ יאָר שפּעטער זײַנען אין דער פּאַרטײ אַרײַנגעטרעטן די בעסטע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פֿון בוקאָװינע. זינט יענער צײַט האָט די פּאַרטײ אַנטװיקלט אַ פֿילזײַטיקע אַרבעט: אַ פּאָליטישע, פּראָפֿעסיאָנעלע און קולטורעלע אין גאַליציע און בוקאָװינע. זי האָט געלעבט איר אײגן לעבן, זײענדיק אין דעם „בונד" דעם פֿײַנסטן מוסטער פֿון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע בײַם ייִדישן פֿאָלק.

דער באַװעגונג האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די עקזעקוטיװע פֿון דער עסטרײַכישער ס"ד און די פּױלישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטײ. די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטײ האָט געהאַלטן, אַז אונדזער היסטאָרישער ציל איז דערפֿירן צו אַ קאָאָרדינאַציע די פּױלישע און ייִדישע אַרבעטער־באַװעגונג. מען האָט געשטרעבט מיט אַלע מיטלען, אַז דער קאַמף זאָל ניט ברענגען קײן װוּנדן װאָס זאָלן מאַכן אוממיגלעך אַזאַ מין קאָנסאָלידאַציע.

אין 1911 איז פֿאָרגעקומען אין לעמבערג אַ פֿאַראײניקונגס־קאָנגרעס פֿון דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײ װאָס אין איר איז אַרײַן די סעקציע פֿון דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, די לעצטע ייִדישע אָרגאַניזאַציע פֿון דער פּפּס"ד. אין דעם קאָנגרעס האָט אָנטײל גענומען דאַשינסקי װי אַ פֿאָרשטײער פֿון דער פּױלישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײ און װיטיק װי אַ פֿאָרשטײער פֿון דער אוקראַיִנישער ס"ד. די זשפּס"ד איז געװאָרן די פֿאָרשטײערין פֿון די פֿאַראײניקטע אָרגאַניזאַציעס.

אין 1912 איז נאָך אַ מאָל געקומען צו אַ פֿאַרשאַרפֿונג און צו אַ קאַמף מיט דער פּױלישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײ. אָבער די אידעע פֿון סאָלידאַרישקײט מיטן פּױלישן אַרבעטער־קלאַס האָט אָנגעהאַלטן.

דערװײַל איז די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַװעגונג געװאַקסן. די טעאָרעטישע אָנערקענונג מצד דער עסטרײַכישער ס"ד איז שױן ניט געװען קײן תּוך־זאַך, װײַל דאָס לעבן האָט געגעבן די אָנערקענונג. די באַציִונגען מיטן אַלגעמײנעם ייִדישן אַרבעטער־בונד אין פּױלן, ליטע און רוסלאַנד זײַנען געװאָרן אַלץ נענטער. דאָס איז ניט געװען קײן קאָאָרדינאַציע אין אָרגאַניזאַציאָנעלן זינען, ס'איז גיכער געװען אַ פּערזענלעכער קאָנטאַקט צװישן די טוער (אַ סך בונדיסטן זײַנען געקומען קײן גאַליציע אױף דערװײַלע, אױפֿן װעג צום פֿרײַען מערבֿ, און פֿלעגן דאָ בלײַבן חדשים און נאָך לענגער). אָבער די השפּעה פֿון בונד איז געװען גװאַלדיק. דער בונד האָט פֿאַר אונדז פֿאַרקערפּערט די אידעע פֿון רענעסאַנס, ער איז געװען דער טרעגער פֿונעם גרױסן העראָיִזם פֿון די אַנאָנימע מאַסן.

נאָך דעם אױפֿקום פֿון דער פּױלישער רעפּובליק איז אין יאָר 1920 פֿאָרגעקומען אַ פֿאָרמעלע פֿאַראײניקונג פֿון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס מיטן „בונד" אונטער דער פֿאָן פֿונעם אַלגעמײנעם ייִדישן אַרבעטער־בונד אין פּױלן.

# דער ערשטער יִדישער מאַי-אויפֿרוף אין גאַליציע און דער מאַי-נומער פֿון דעם „אַרבייטער“ 1894

### פֿון ד״ר קאַראָל אייניגלער (לעמבערג)

די ערשטע עפֿנטלעכע אַרויסטרעטונג פֿון די אַרבעטער אין גאַליציע איז פֿאָרגעקומען דעם 1טן מאַי 1890. אַדאַנק דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פֿון לאַנד אין יענע יאָרן באַווייַזט זיך אויך אַ מאַסן-באַוועגונג צווישן די פּראָלעטאָריער.[1] צו יענער צייַט האָבן זיך געגרינדעט אַ רײ פֿאַראיינען פֿון אַרבעטער, אָן אונטערשייד פֿון נאַציע: דאָס זייַנען די באַקאַנטע אַלגעמיינע פֿאַך- און בילדונג-פֿאַראיינען „סילאַ“ (Siła). אין יאַנואַר 1892 איז אין לעמבערג פֿאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער אַרבעטער-צוזאַמענפֿאָר, אויף וועלכן עס איז געגרינדעט געוואָרן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פֿון גאַליציע; דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ לאַנד-אָפּטיילונג פֿון דער דעמאָלט צענטראַליסטיש געבויטער עסטרייַכישער כאָצ׳-דעמ׳ פּאַרטיי.

אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפֿאָר זייַנען געווען פֿאַרטראָטן סייַ פּוילישע, סיי יִדישע, סייַ אוקראַיִנישע אַרבעטער. די נאַציאָנאַלע פֿראַגע האָט אויף דעם צוזאַמענפֿאָר ניט געשפּילט קיין שום ראָלע. דאַשינסקיס רעפֿעראַט וועגן „אַגיטאַציע און טאַקטיק“ האָט באַרירט אין אַלגעמיינע שטריכן די „יִדן-פֿראַגע“ אין גייַסט פֿון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. דאָס איז געווען דער בראשית פֿון אַ באַוווּסטזיניקער און אָרגאַניזירטער סאָציאַליסטישער אַרבעט מיט אַ קאָסמאָפּאָליטישער פּיאָנערן-התלהבות. דער בשותּפֿותדיקער שונא איז געווען: די פּריצישע פּוילישע רעאַקציע מיט אירע יִדישע „מאָשקעס“ און די טיפֿע פֿינצטערניש צווישן די אַרבעטער-מאַסן.

לויט ווי אייניקע מיינען, האָט שוין אין יאָר 1892 אַ גרופּע יִדישע סאָציאַליסטן (די גרופּע יעגער) אין לעמבערג אַרומגעטראָגן זיך מיט אַ פּלאַן צו גרינדן אַ יִדישע אַרבעטער-פּאַרטיי. לויט די ידיעות, וואָס איך האָב, איז אַזאַ פּלאַן אויפֿגעקומען ערשט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער—אין 1897/1896. צווישן די יִדישע אַרבעטער האָבן יעמאָלט געפֿירט די פּראָפּאַגאַנדע: ד״ר יאָאַכים פֿרענקעל,[2] דוד סאַלאַמאַנדער[3] און י. ווייַנבערג[4] (לעמבערג) און ד״ר מ. צעטערבוים[5] (קאָלאָמיי). עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ניט טעאָרעטישע הנחות, נאָר די טעכנישע פּראָפּאַגאַנדע-באַדערפֿענישן פֿון דער באַוועגונג אין גאַליציע האָבן באַלד אין די אָנהייב-יאָרן פֿון סאָציאַליסטישער מאַסן-אַרבעט געשטויסן צו שאַפֿן באַזונדערע יִדישע אַרבעטער-פֿאַראיינען און אַ באַזונדער יִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

אין 1892 האָט זיך געגרינדעט אין לעמבערג דער פֿאַך- און אונטערשטיצונגס-פֿאַראיין „יד-חזקה“. אין דעם פּוילישן פֿאַראיין „סילאַ“ האָבן זיך קאָנצענטרירט דער

---

1 פֿגל׳ ד״ר היינריך גראָסמאַן, דער פּראָלעטאַריאַט און זייַן באַציִונג צו דער יִדן-פֿראַגע, קראָקע 1905.

2 געשטאָרבן לערך 1902.

3 געשטאָרבן 1926.

4 לעבט אין ניו-יאָרק, געוו׳ פּרעזידענט פֿונעם „אַרבעטער-רינג“.

5 געשטאָרבן אין 1926 אין מעראַן.

# ברידער! ארבייטער!

עס איז שוין נאהענט דער ערסטע מאי. דאס איז דער טאג, וועלכען דיא ארבייטער פון דער גאנצען וועלט האלטען פאר איין יום טוב. אויך ביי אונז וועלען דיא **אויפגעקלעהרטען** ארבייטער אין דעם טאג נישט ארבייטען, נאר וועללען גיהען אין דער פריה אויף פערזאממלונגען, אסיפות, כדי זיך צו בעראטהען, וויא אזוי צו פערבעססערן דאס ביטטערע טלענד דעם פאלקעס. אין נאכמיטטאג אויף אונטערהאלטונגען, אויספלוגען אדער פעסטען וועללען זייא זיך צערשפרייען אין דער דאפפגונג, אז עס ווירד שאן באלד קוממען דיא צייט, ווא פרייהייט, גלייכהייט אין ברידערליכקייט ווירד מאכי אין רעכטען אמת עקזיסטירען.

צו וועלכען דיא **נישט** אויפגעקלעהרטען ארבייטער האלטען דען ארבייטער יום טוב? צו וועללען דיא ארמטען, וואס זייא מערען אם מייסטען אויסגעבייטעט, פערשטעהען דיא בעדייטונג פון דעם איינציגען יום טוב, וואס ער איז בעשטיממט נאר פאר דיא ארבייטער?

אין ערסטער רייהע ווענדען מיר אונז האנט צו דיא נאך נישט אויפגעקלעהרטען אין פרעגען זייא: האט איהר איינמאל נאכגעדאכט איבער אייערע לאגע, האט איהר אייך געפרעגט, פון וואנען עס קיממט, אז עטץ ברידער, וואס איהר הארעוועט שווער מבוקר עד ערב, אים שטוב אין אין, שלעכטער לופט, מיזט לעבען אין נויטה אין פערדאכטונג? האט איהר נאר געהאט צייט נאכצידענקען איבער אייערע לאגע, אדער אויך, אז עטץ פעלגט אין דער נאכט מידע פון דער ארבייט אהיימציקוממען, וועט איהר דען נאר איטשטאנד געוועהן צו דענקען? אין ווען איהר האט דאס אלליין נישט געקענט, איז דען עמיצער געוועהן, וואס ער וואלט אייך דערציילט דיא אמת'דיגען אורזאכען פון אייער עלענד, וואס ער וואלט אייך געגעבען אין דיא האנד אגיט מיטטעל, כדי צו פערבעססערן אייערע טרויריגע לאגע?

ניין. פויזענד מאל ניין! שוין פון קינדהייט אהן, האט מען אייך געצווינגען צו ארבייטען, אין זייט דעם ערסטען טאג, אין וועלכעם עטץ האט גענוממען דאס ווערקצייג אין דיא האנד, ביז צים טארע, וועט עטץ געצוואונגען שווער צו הארעווען. אין וואס צירעכט אייך דערצי? דער הונגער, דאס עלענד! איהר נעהמט ארעם געקליידעט, איהר וואוינט אין קעלער, פינסטערע דירות, איהר עססט שלעכט אין וויניג, איהר ליידעט אויך פערשיעדענע קראנקהייטען, דעם לונגענשטעהלער אם מייסטען.

אין דאך, ברידער אין שוועסטערן, איז יא דא עמיצער, וואס ער זאגט אייך אפטען דען גאנצען אמת, וואס ער האט נישט מורא פאר קיינעמען, נאר הערט אייך אויף, וויא אזוי אין מיט וועלכע מיטטעל זיך צו בעפרייען פון דעם האנטיגען עלענד. דאס מהיט דיא ארבייטערפארטייא, דיא פארטייא פון אללע פערפאלגטע אין אונטערדריקטע: דאס איסט דיא **סאציאלדעמאקראטישע ארבייטערפארטייא.**

פוהום איינען כליכ אום זיך, אין וואס דאזעהט עטץ? גראססע פאבריקען, ווערקשטעטטען, גראסע נימער אין שיינע הייזער געהערען צו נישט קיין סאך רייכע לייטע. דיעזער רייכטהום מוסס פון טאג צו טאג זיך פערגרעססערן אין זייערע הענדע. אין אויף דער אנדערען זייטע שטעהען מיליאנען מענשען, וואס זייא האבען נאר נישט מעהר אלס דייערע צעהן פינגער. מיליאנען מענשען, וואס ארבייטען — זאלל מען אפשר איפסרעסען געגנען איינצעלנע פאבריקאנטען אדער געלדבעזיטצער פאר דעם, ווייל זייא זענען רייך?

ניין — דאס וואללט נישט העלפען גיוועזן, אין וואלט אויך נישט נעפיהרט צום צוועקע. איטנעקעהרט, — דיא מיליאנען דעם פאלקעס מענען זיך פעראייניגען, צוזאממענשליעסען אין פארדערן פון דער **גאנצען** געזעלשאפט, זיא זאלל פערקלענערן זייער עלענד, זיא זאלל איינפיהרען איינע נערעכטע ארדנונג. עטען דיא שווערע ארבייט האט צו ערפיללען דיא **סאציאל-דעמאקראטישע פארטייא.**

דיא וואסטקלס דאס פאלק אין וויל עס פיהרען צור ערובערונג איינער אלזה אין ריעך געזעללשאפטליכער נערעכטיגקייט שטעללונג. — אין צו דעם בקראפפען דיא ארבייטער אין ערסטער רייהע, — ברי דיערי שטיםםע זאלל געהערט ווערען, — אז זייא זאללען האבען איינע אבגעארדנעטע אין איינע פערטרעטונג, אז זייא זאללען גלייך מיט אנדערען **בעשליעססען געזעטצע**, וועלכע זענען דאך פאר זייא בינדענד.

עטץ ארבייטער האט היינט נישט קיין רעכט צו וועהלען איינע פערטרעטער אין דען רייכסראטה, לאנדטאג אדער געמיינדעראטה. אייך לאזט מען נישט צי אייערע קלאגען, אייערע ווינשע אויסצודריקען דארט, ווא מען בעשליעססט געזעטצע, דיא בעזיטצער פון גראססע גיטער, קאפיטאליסטען, קליינבירגער אין בויערן זיטצען אים רייכסראטה אין מאכען געזעטצע, וועלכע עטץ מוזט בעפאלגען.

אין דאך צאהלט עטץ אויך שטייערן, יא, דער גרעססטע טהייל דער שטייערן, דיא אינדירעקטען שטייערן פון יעדעם ביסטען ברויט, רוהט אויף אייערע פלייצעס, אין דיא מיליטערשטייער — ווער ליעפערט אם מייסטען זעלדנער דעם שטאאטע, אפשר דיא הערערן בעזיטצער?

שאן זייט לענגערער צייט פארדערן דיא ארבייטער אין עסטערייך דאס **אללגעמיינע, גלייכע אין דירעקטע וואהלרעכט.** דאס איז דאס רעכט, וואס עס איז דאס פונדאמענט פון אללע אנדערע רעכטע. ווען מיר וועללען ערלאנגען דאס רעכט צו וועהלען דעפוטירטע אין דען רייכסראטה, וועללען מיר לייכט ערלאנגען אויך אללע אנדערען רעכטע.

ווערדעט איהר אייך נישט אנשליעססען צו דער פארדערונג, ווילט איהר פון דער וויטען נאר ציקוקען, וויא אנדערע שארען זיך צוזאממען צום וועלכע דער בעפרייאונג דער ארבייטערקלאססע? ניין, איהר קענט נישט פון דער וויטען שטעהען, איהר וועט צי אונז גייטרעטען!

דיא ארבייטער אין עסטערייך ערהעבען גלייכצייטיג דיא צווייטע זעהר וויכטיגע פארדערונג אום **פערקירצונג דער ארבייטסצייט.** דאס פערלאנגט דאס ארבייטענדע פאלק אויף דער גאנצען וועלט.

לאנגע ארבייט שטרענגט אן דען לייב, דיא קרעפטע ערשעפפען זיך, קראנקהייטען אללער ארט שטעללען זיך איין. אלזא אים אינטערעססע דער **געזונדהייט** זאלל קירצער זיין דיא ארבייטסצייט. לאנגע ארבייט שטרענגט אן דאס געהירן, מאכט דען מענשען נישט פעהיג צו דענקען, מען קענן דעמיט נישט לערנען, נישט לעזען. אלזא אים אינטערעססע **דער בילדונג** זאלל פערקירצט ווערען דיא ארבייטסצייט. דיא צו לאנגע דויערנדע ארבייט איז דיא אורזאכע פון אללע לייררענשאפטען הויפטזעכליך דיא אורזאכע פינם שיכרן. אלזא אים אינטערעססע **דער מאראליטעט** זאלל קירצער זיין דיא ארבייטסצייט. ביי לאנגער ארבייטסצייט איז דא אסאך אהינע. וואס זייא קענגען נישט געפינען קיין ארבייט. אז דיא ארבייטסצייט וועט זיין קירצער, וועט מען מיזען מעהר ארבייטער בעשעפטיגען. דיא פערקירצונג דער ארבייטסצייט איז נייטיג פאר דאס ארבייטענדע פאלק. דאס האט אנערקענט דאס פאלק אויף דער גאנצען וועלט אין פארדערט, אז דיא ארבייט זאלל דויערן הקכסטענס **אכט שעה אין טאג.**

ברידער אין שוועסטערן. איז אייך גלייכגילטיג דיעזע פארדערונג? ניין. אין עטץ ווילט אוודאי דאס אויך, אין עטץ ווינשט אוודאי אז עס זאלל אייך בעססער זיין. אייערע פפליכט איז דאס צו וויזען אם

# ע ר ס ט ע ז מ א י

אין דעם טאג ארבייטען **נישט** דיא ארבייטער פון אללע לענדער. אייערע פפליכט איז, א בעוויז צו געבען, אז איהר ווילט געהען צוזאממען מיט דען ארבייטערן אויף דער גאנצען וועלט. אייערע פפליכט איז דען ערסטען מאי אלס איינען ארבייטער יום טוב צו האלטען.

לאזט אייך פון קיינעם נישט אבשרעקען, זאגט, אז עטץ ווילט צוזאממען מיט דען ברידערן פון אללע לענדער פייערן אין דעם טאג, וואס ער גילט פיר דיא ערוואכונג דער אכטשטינדיגען ארבייטסצייט אין דעם אללגעמיינען, גלייכען אין דירעקטען וואהלרעכטעס. וואזט, אז עטץ ווייססט, אום וואס עס האנדעלט זיך, אז עטץ קענט פערשטעהן אייערע פפליכט. ווען איהר וועט פייערן אם ערסטען מאי, וועללען דיא שונאים ארפהערען צו רעדען, אז עטץ זענט נישט רייף.

ברידער ארבייטער! פייערט דען ערסטען מאי, דען איינציגען ארבייטער יום טוב, וואס אייערע מאכט, אייערע בעדייטונג, אייערע גרעססע!

עס לעבע דער ארבייטער יום טוב! עס לעבע דער ערסטע מאי!

Po konfiskacie drogi nakład Joachima S. Fraenkla — Drukarnia Ch. Rohatyna we Lwowie pl. Gołuchowskich 9.

ערשטער יידישער מאי-אויפרוף אין גאליציע, 1894 (לעמבערג)

עיקר די פּוילישע אַרבעטער, אַרום דער „יד־חזקה“ האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן די ייִדישע. אין נאָוועמבער 1893 דערשײַנט דער ערשטער נומער פֿון ערשטן ייִדישן סאָציאַליסטישן בלאַט אין גאַליציע „ד ע ר  אַ ר ב י י ט ע ר“. דאָס בלאַט פֿלעגט דערשײַנען יעדן ערשטן און דריטן פֿרײַטאָג און איז געוואָרן אָנערקענט אַלס אָרגאַן פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן. דער 4טער קאָנגרעס פֿון דער עסטרײַכישער סאָצ׳־דעמ׳ פּאַרטיי אין ווין, סוף מערץ 1894, האָט באַשלאָסן אונטערצושטיצן דעם „אַרבייטער“ מיט אַ צושטײַער פֿון 15 גילדן אַ חודש... (דעלעגאַטן פֿון גאַליציע זײַנען אויף דעם קאָנגרעס געווען: דאַ ש י נ ס ק י, מאַ נ ק אָ ו ו ס ק י, פֿ ר ע נ ק ע ל און ז ש ע ל אַ ש ק י ע ו י ט ש — אַלע פֿון לעמבערג). כמעט אַלע רעדאַקטאָרן פֿון דער דאָזיקער צײַטונג האָבן נישט געקענט קיין ייִדיש; זיי פֿלעגן שרײַבן דײַטש, און די דרוקער־אַרבעטער פֿון דער דעמאָלט באַקאַנטער דרוקערײַ פֿון חיים ראָהאַטין אין לעמבערג פֿלעגן די דײַטשע אַרטיקלען זעצן אין ייִדיש. דער אייגנטימער פֿון דער דרוקערײַ פֿלעגט דאָס רובֿ אַליין צוקלײַבן סײַ די העברעיִשע און סײַ די זאַפּטיק ייִדישע („זשאַרגאָנישע“) אויסטײַטש־ווערטער, כּדי פּאָפּולער און פֿאַרשטענדלעך צו מאַכן די אַרטיקלען פֿאַרן פּשוטן לייענער. אויסער די רעדאַקטאָרן האָבן אין דער צײַטונג מיטגע־אַרבעט אויך הערמאַן האָראָוויץ און נאַטאַן שניידער.

ווי אַ סעפּאַראַטער אָפּדרוק פֿון נו׳ 7—8 פֿון דעם „אַרבייטער“, דעם 20סטן אַפּריל 1894, האָט דערשײַנט דער ע ר ש ט ע ר  אין  ג אַ ל י צ י ע  מ אַ י ־ א ו י פֿ ר ו ף  אין  י י ִ ד י ש.[6] הן דער אינהאַלט, הן די שפּראַך און דער סטיל פֿון דעם אויפֿרוף זײַנען ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש, און איך וויל זיך אַ ביסל אויספּירלעכער אויף אים אָפּשטעלן.

דער ערשטער טעקסט פֿון דעם אויפֿרוף איז פֿון דער פּאָליציי ק אָ נ פֿ י ס ק י ר ט געוואָרן איבער אַ פּאָר „געפֿערלעכע“ געדאַנקען; גלײַך נאָך דעם איז אַרויס דער צווייטער, דערלויבטער טעקסט. איך האָב בײַ מיר די ביידע וואַריאַנטן און ברענג דאָ אַ פֿאַרגלײַך פֿון די צוויי טעקסטן:

**דער קאָנפֿיסקירטער וואַריאַנט:**

„די פּאַרטיי (ס״ד) רעדעט צו אייך היינט אין הערט וואָס זי זאָגט אייך: אויס צוויי טהיילען בעשטייט די היינטיגע געזעללשאַפֿט, דער איינע טהייל האָט אַלע רייכטהימער, דער אַנדערע האָט גאָר נישט.

דיא, וואָס בעזיטצען אַללע רייכטהימער, דאָס איז דיא רייכען, ארבייטען נישט, נאָר גע־ניססען פֿון זייער פֿאַרמעגען. קענען זיי אָבער דאָס גאַנצע פֿערמעגען אויס־עססען? ניין! זיי הייפֿען־אויף. אָבער דער גרעסטער טהייל פֿאָן דעם אויפֿגעהייפֿטען פֿאַרמעגען קאָמט קיינעם נישט צים גיטען. אין דאָך גיבט עס מיללייאָנען מענשען, וואָס שטאַרבען פֿאַר הינגער! אויף דער איינען זייטע פֿאַרגרעססערן דיא פֿאַאַר טויזענד עושרים זייער פֿערמעגען. אויף דער אַנדערען זייטע מיססען צי גרונד געהען מילל־יאָנען מענשען, וועלכע שאַפֿפֿען דאָס גאַנצע פֿערמעגען נישט פֿיר זיך, נאָר פֿיר אַנדערע.

**דער וואַריאַנט, וואָס די פּאָליציי האָט דורכגעלאָזט:**

„טהוט איינען בליק אום זיך, אין וואָס דאַזעהט עטך? גראָססע פֿאַבריקען, ווערקשטאַ־טען, גראָססע גיטער אין שיינע הייזער געהערען צי נישט קיין סך רייכע לייטע. דיזער רייכטום מוס פֿון טאָג צו טאָג זיך פֿאַרגרעססערן אין זייערע הענד. אין אויף דער אַנדערען זייטע שטעהען מיליאָנען מענשען, וואָס זיי האָבען גאָרנישט מעהר אַלס זייערע צעהן פֿינגער, מיליאָנען מענשען, וואָס אַרבייטען. ז אָ ל ל  מ ע ן  א פֿ ש ר  א ו י פֿ ט ר ע ט ע ן  נ ע ג ע ן  א י י נ צ ע ל ־ נ ע  פֿ אַ ב ר י ק אַ נ ט ע ן  אָדער געלד־בעזיטצער פֿאַר דעם, ווייל זייא זענין רייך?

נ יי ן — דאָס וואָללט נישט קליג געווען און וואָללט אויך נישט געפֿיהרט צים צוועק. אימגעקעהרט—דיא מיליאָנען דעס פֿאָלקעס מע־גען זיך פֿעראייניגען, צוזאַמענשליעסען אין פֿאָרדערען פֿין דער ג אַ נ צ ע ן געזעללשאַפֿט, זיא זאָלל פֿ ע ר ק ל ע נ ע ר ע ן זייער עלענד,

[6] מיר ברענגען דעם פֿולן טעקסט צום סוף.

ברידער אין שוועסטערן, דאָס איז נאָך נישט אללדינג. דיא עושרים האָבען צים פּערמעגען - צו נאָך אללע רעכטע, וועהרענד דיא, וואָס ערהאַלטען מיט זייער אַרבייט די גאַנצע געזעללשאַפט, דיא האָבען נישט דיא וויכטיגסטען פּאָליטישען רעכטע".

זיא זאָלל איינפיהרען איינע גערעכטע אָרדענונג. עבען די שווערע אַרבייט האָט צו ערפיללען די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייא. זיא זאַמעלט דאָס פּאָלק אין וויל עס פיהרען צור ערלאָבערונג איינער איהם אין דער געזעלל-שאַפט געביהרענדען שטעללונג. אין צו דעם באַדאַרפען דיא אַרבייטער אין ערשטער רייהע — כדי זייער שטיממע זאָלל גיהערט ווערין, אַז זיי זאָללען האָבען אייגענע אַבגעאָרדנעטע אין אייגענע פערטהיידיגער, אַז זיי זאָללען גלייך מיט אַנדערע בעשליעססען געזעצע וועלכע זענין דאָך פאַר זייא בינדענד".[7]

די דאָזיקע צוויי וואַריאַנטן פון קאָנפיסקירטן און נישט-קאָנפיסקירטן מאַי-אויפרוף שפּיגלען אָפּ יענע עפּאָכע און פּאָליטישע אַטמאָספער, אין וועלכער ס'איז אויסגעקומען צו פאַרשפּרייטן דאָס ערשטע סאָציאַליסטישע יידישע וואָרט אין דעם „קאָנסטיטוצאָנעלן" עסטרייך. סאַראַ הפקרות פון דער ביוראָקראַטיע און צענזור! אַז מען שרייבט אַ מאַי-אויפרוף, פון וועלכן מען ווייס, אַז ער קומט אָן צו דער „קייזער-קיניגלעכער" צענזור, איז מען שוין אַליין געצוונגען צו לאַוויר און דיפּלאָמאַטיש און פאָרזיכטיק. די דעמאָלטיקע צענזור האָט אַפילו נישט געקענט פאַרטראָגן די רויִקע ווערטער וועגן קלאַסן-היפוכים און קלאַסנקאַמף, וואָס זיינען געווען אין ערשטן טעקסט, און האָט אים פאַרווערט. און פון דער צווייטער זייט — וואָס פאַר אַ צביעות און שרעק פאַר די דעמאָלטיקע רעגירער שלאָגט זיך אַדורך פון דעם „אויסגעהאַנדלטן" וואַריאַנט: די תשובה „ניין!" אויף דער פראַגע, צי זאָל מען „אויפטרעטן קעגן איינצלנע פאַבריקאַנטן אָדער געלט-באַזיצער", אָדער די עצה, מען זאָל דווקא ביי די גבירים (פון דער „גאַנצער" געזעלשאַפט) פאָדערן, זיי זאָלן „פאַרקלענערן" (חס-ושלום נישט אָפּשאַפן!) די נויט, און די דרשה וועגן די „געזעצן, וואָס זענען דאָך בינדענד!"...

ניט געקוקט אויף דער פּאָליציייִשער און ביוראָקראַטישער הפקרות, אויף דער פינצטערניש און אומגעניטקייט פון די ברייטע אַרבעטער-מאַסן, איז דאָך דאָס ערשטע געדרוקטע יידישע סאָציאַליסטישע וואָרט, דער ערשטער יידישער מאַי-אויפרוף בלי ספק געווען אַ קאַמפרוף, אַ רוף פון דעם באַוווּסטזיניקן טייל פון די אַרבעטער „צו די, וואָס שלאָפן, זיינענדיק שוואַך!". דער דאָזיקער אויפרוף איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון די יידישע אַרבעטער אין לעמבערג און דער פראָווינץ, און דער ערשטער מאַי 1894 איז מיט התלהבות צום ערשטן מאָל געפייערט געוואָרן פון דעם יידישן אַרבעטער אין גאַליציע.

די פאָרם פון דעם דאָזיקן אויפרוף — די יידישע שפּראַך — האָט אויפגעצוווּנגען דאָס לעבן אַליין. די פּאָר יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן אין יענער צייט געאַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער און אין דער רעדאַקציע פון „אַרבייטער", זיינען געווען אָדער קאָסמאָפּאָליטן אָדער אַפילו איבערצייגטע אַסימילאַטאָרן. די „יידישע" אַגיטאַציע, די יידישע שפּראַך האָט מען אין יענע יאָרן און אין יענע קרייזן באַטראַכט פאַר אַן אומפאַרמיידלעכער צרה, פאַר אַ רעה, וואָס וועט איבערגיין, און דערווייל — פאַר אַ טעכנישן מיטל צוצוקומען צו דער יידישער מאַסע, אַרויסרייסן זי פון געטאָ און צופירן צו דער פּוילישער קולטור און סאָציאַליזם.

די דאָזיקע אין איין און דער זעלביקער צייט פּויליש-נאַציאָנאַליסטישע און קאָסמאָפּאָליטישע וועלט-אָנשויונג פון די דעמאָלטיקע סאָציאַליסטישע אָנפירער אין גאַליציע

7 אומעטום אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ק. א.

האָט אין די שפּעטערע יאָרן געבראַכט צו אָפּטע אָרגאַניזאַציאָנעלע סיכסוכים צווישן פֿאַרשיידענע ייִדישע אַרבעטער-טוער און האָט אָרגאַניזאַציאָנעל אָפּגעשוואַכט, בפֿרט אין די יאָרן 1897—1904, די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג אין גאַליציע, ביז די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט, שטיצנדיק זיך אויף די דערפֿאַרונגען און גרויסע ניצחונות פֿון „בונד“ אין רוסלאַנד, איז אויף אַן אייגענעם זעלבשטענדיקן וועג[8] געקומען צו דער אידעע פֿון אַ זעלבשטענדיקער ייִדישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס זאָל מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטער-באַוועגונג זײַן פֿאַרבונדן אויף פֿעדעראַטיווע יסודות. פֿון דעם דאָזיקן געראַנגל פֿון אידעען און אָרגאַניזאַציאָנעלע רײַבונגען איז דעם 1טן מאַי 1905 אויפֿגעקומען די ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין גאַליציע, די Ż. P. S. D. דער אַזוי גערופֿענער גאַליציאַנער „בונד“.

---

דער אויבן דערמאָנטער מאַי-אויפֿרוף איז אָפּגעדרוקט אין נו׳ 7—8 פֿון לעמבער-גער „אַרבייטער“. דער „אַרבייטער“ איז איצט אַ ביבליאָגראַפֿישער יקר-המציאות. סײַ דער אַרכיוו פֿון „בונד“ און סײַ דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע האָבן נישט קיין איינציקן עקזעמפּלאַר פֿון דער דאָזיקער צײַטונג. דעם מחבר פֿון די שורות איז געראָטן נאָך לאַנגיאָריקע זוכענישן אַרויסצובאַקומען כמעט אַ פֿולן קאָמפּלעט פֿון דעם „אַרבייטער“. דער ערשטער נומער איז אַרויס אין סעפּטעמבער 1893. ביז יאַנואַר 1894 זײַנען אַרויס 8 נומערן, אין 1894 האָבן דערשיַנט נאָך 19 נומערן. פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גאַליציע, בפֿרט פֿאַר דער עפּאָכע פֿון ערבֿ דעם גאַליציאַנער „בונד“, פֿאַרמאָגט דער „אַרבייטער“ אַ זייער רײַכן מאַטעריאַל, וואָס איז ביז איצט נישט אויסגענוצט און נישט באַאַרבעט געוואָרן.[9] עס וואָלט אויך געווען וויכטיק צו פֿאַרגלײַכן דעם „אַרבייטער“ מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּרעסע, וואָס האָט גלײַכצײַטיק דערשיַנט אין לעמבערג (Robotnik) און אין קראָקע (Naprzód).

איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף אייניקע פּרטים, דער עיקר אַרויסגענומען פֿון דעם מאַי-נומער פֿון „אַרבייטער“ פֿאַרן יאָר 1894.

דער מאַי-נומער האַלט 12 זײַטן, קליין פֿאָרמאַט; 2 זײַטן פֿאַרנעמט דער מאַי-אויפֿרוף, 10 זײַטן דער רעשט. אַ נומער פֿון דעם „אַרבייטער“ האָט געקאָסט 5 קרייצער, וואָס איז פֿאַר יענע צײַטן געווען אַ שיינער גראָשן. די ערשטע נומערן האָט רעדאַקטירט קאַראָל נאַכער, אַ באַקאַנטער סאָציאַליסטישער און דערנאָך פּפּ"סישער טוער, נאָך אים—ד"ר יאָאַכים פֿרענקעל. ביידע זײַנען זיי געווען איבערצײַגטע אַסימילאַטאָרן.

די ערשטע צוויי זײַטן פֿון דעם מאַי-נומער פֿאַרנעמט אַן אַרטיקל מיט אַ קריטישן באַריכט פֿונעם עסטרײַכישן רײַכסראַט. דער אַרטיקל איז אונטערגעשריבן מיט די אותיות D. S. (דוד סאַלאַמאַנדער) און איז געווענדט קעגן דעם פּריצישן „קאָלאָ פּאָלסקיע“. אין דעם זעלביקן נומער האָבן מיר אויך אַן אַטאַקע אויף דעם ייִדישן פֿאָרשטייער און באַקאַנטן אַסימילאַטאָר ד"ר עמיל ביק, דעם ראָש-הקהל פֿון לעמבערג, וועלכער איז קיין מאָל נישט אַרויסגעטראָטן קעגן עוולות בנוגע ייִדן און האָט שטענדיק פֿאַרטיידיקט די פּוילישע פּריצים. אַ צווייטער אַרטיקל רעדט וועגן דער „אַרבייטער סטאַטיסטיק“: „מיר ווילען-לייענען מיר דאָרט—אַן אמתדיקע סטאַטיסטיק, זיי (די בורזשואַזיע)—אַ זאָלכע, ווי זיי טויגט!... איצט וויססן מיר, ווי דער הונד ליגט בעגראָבען!...“. מיר ווערן

---

8 פֿגל׳ די בראָשור פֿון ד"ר היינריך גראָסמאַן, דער בונדיזם אין גאַליציען, קראָקע 1907.

9 דער חשובֿער מחבר האָט געשטעלט די נומערן פֿון דעם „אַרבײַטער“ אין רשות פֿון דער רעדאַקציע, און אויפֿן סמך פֿון דעם מאַטעריאַל האָט ד"ר יעקבֿ בראָס אָנגעשריבן זײַן אַרטיקל, וואָס מיר דרוקן אויבן, באַזונדערס דעם צווייטן טײל, ווו דער „אַרבײַטער“ ווערט ברײט ציטירט. — רעד׳.

געוואָר פֿון דעם אַרטיקל, אַז די עסטרײַכישע רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן דעמאָלט אַ באַשטימונג, אַז די באַאַמטע מוזן די גאַנצע אַ ר ב ע ט-סטאַטיסטיק האַלטן שטרענג ג ע ה יי ם.

נאָך דעם קומען אַ פּאָר פֿעליעטאָנען, געשריבן אין אַ לשון, וואָס איז אַ ביסל מער ענלעך צום ליטעראַרישן ייִדיש, ווי די אַנדערע. דאָ קומט דער פֿעליעטאָן „קאַלט ברויט", געצייכנט פֿון I. S. (יוסף שטייג, איצט אין אַמעריקע?), ווײַטער אַ פֿעליעטאָן וועגן אָפּריכטן דעם „סדר", אונטערגעשריבן פֿון Sb. (?) און אַ ליד „גלייכע רעכטע" פֿון L. B. (?). נאָך דעם קומט אַ פֿעליעטאָנאַרטיקע קאָרעספּאָנדענץ, אונטער דעם טיטל „דאָס עלענד קאָלאָמעאַער אַרבייטער" פֿון M. Ż. — דאָס איז בלי-ספֿק דער פּסעוודאָנים פֿון באַקאַנטן מאַרקסיסט ד"ר מאַקס צעטערבוים.[10]

זייער כאַראַקטעריסטיש איז די ו ו ע נ ד ו נ ג פֿ ו ן ד ע ר ר ע ד אַ ק צ י ע, וועלכע מיר גיבן דאָ איבער ווערטלעך:[11]

„וויא עס טהוט אייך וועה, וויא אייך שלעכטס געטהון ווירד, וויא מאַן אייך אונרעכט טהוט, וועהן איהר איין עצה בעדאַרפֿט, וועהן איהר ווייסט נישט, וויא אייך צו ווענדען, שרייבט נאָר צום רעדאַקטאָר פֿאָן דעם בלאַטט, גענאָססע י אָ אַ כ י ם ס. פֿ ר ע נ ק ע ל, לעמבערג, קראַסיצקי-גאַססע נר. 9. ער ווירט אייך ענטפֿערן, די זאַכע פֿעראָפֿענטליכען אין וויא מעגליך דען אויסבייטער אין דען שלעכטען אין די שאַנדע שטעללען. שרייבט נאָר וואָס אמת איז אין האָט גאָר נישט קיין מורא, דער נאָמען פֿון דעם איינזענדער בלייבט אַ סוד ביים רעדאַקטאָר אין קיינער דאַרף — אַפֿילו נישט פֿאַר דעם געריכט אויסגעזאָגט ווערען — האָט חשק אין צוטרויען צום בלאַטטע!"

„האָט נישט קיין מורא! האָט חשק און צוטרוי" — אָט די דאָזיקע ווערטער זײַנען דעמאָלט, בײַם בראשית און אפֿשר נאָך הײַנט, זייער אַקטועל בנוגע דעם ייִדישן פּראָלעטאַריער אין גאַליציע, וואָס דער רובֿ בנין ורובֿ מנין פֿון אים האָט נאָך אַלץ „מורא".

אַז דער פּראָלעטאַריער זאָל טאַקע יאָ „מורא האָבן" — וועגן דעם האָט שוין געזאָרגט די מאַכט, הגם פֿאָרמעל האָט עסטרײַך אין יענע יאָרן געהאַט אַ גאַנץ פֿײַנע קאָנסטיטוציע. אָט לייענען מיר אין דעם זעלביקן מאַי-נומער 1894, אַז אין סטאַניסלאָוו האָבן 11 אַרבעטער געהאַט אַ משפּט וועגן „געהיים-בינדעלײַ" (געהערן צו „פֿאַרבאָטענע חבֿרות"), און בכדי זיי צו פֿאַרטיידיקן האָט מען געמוזט אַראָפּברענגען אַן אַדוואָקאַט אַזש פֿון לעמבערג. „דעם הויפּט-רעדאַקטאָר אַליין, בכבֿודו ובעצמו, דעם גענאָסע ד"ר פֿרענקעל — לייענען מיר ווײַטער — האָט די פּאָליציי פֿערהאַפֿטעט אויף דעם לעמבערגער באַהנהאָף אין דעם מאָמענט, ווען ער איז צוריקגעקימען פֿון דעם ווינער פּאַרטייציזאַמענפֿאָהר. דעם רעדאַקטאָר האָט מען באַלד פֿרייגעלאָזט, ווײַל מ'האָט גאָר נישט ביי איהם געפֿינען". מיר לייענען אין דעם זעלביקן נומער וועגן מאַסן-אַרעסטן אין קראָקע. דער מאַי-נומער פֿון 1894 גיט אונדז אַזוי אַרום אַ בילד פֿון לעבן און דענקען פֿון דעם דעמאָלטיקן ייִדישן פּראָלעטאַריער אין גאַליציע.

אין יאָר 1894 א ז אויסגעפֿאַלן דער 100-יאָריקער יובֿל פֿון דעם קאָסטשושקאָ-אויפֿשטאַנד. אין דעם דערמאָנטן נומער „אַרבייטער" לייענען מיר אַ באַריכט פֿון אַ גרויסער פֿײַערלעכער פֿאַרזאַמלונג, אָפּגעהאַלטן אין לעמבערגער ראָטהויז. גערעדט האָבן: מאַנקאָווסקי, הודעץ, דאַשינסקי. אין דער אָנגענומענער רעזאָלוציע ווערט צווישן אַנדערס אַזוי געזאָגט, ווי די צײַטונג גיט איבער: „מיר ווערדען ווייטער פֿיהרען דעם קאַמפּף פֿאַר נאַציאָנאַלער, פּאָליטישער און עקאָנאָמישער פֿרייהייט!... פֿון די באַזיצענדע

---

10 זע זײַנע צוויי אַרטיקלען אין ק. קויטסקיס „נײַער צײַט" פֿון 1893 א"א אויך: „די קלאַסענקעמפּפֿע בײַ דען יודען" — צו דעם באַרימטן שטרײַק פֿון די קאָלאָמייער טלית-וועבערס.

11 די דאָזיקע ווענדונג איז אויך אָפּגעדרוקט אין די ערשטע נומערן פֿון 1893, אָבער אין אַ ביסל אַן אַנדער נוסח; זע אויבן דעם אַר' פֿון ד"ר י. ב ר אָ ס. — ר ע ד'.

קלאססען פארדערט דאס ארבייטער-פאלק אפציפעפען... די פריוויל״עגיעס, וואס האבען פאר 100 יאהר צי גרונד געריכטעט דאס פוילישע פאטערלאנד... אלס פונדאמענט פין פאליטישע רעכט פארלאנגט די דאזיגע רעזאלוציע: דאס אלגעמיינע, דירעקטע אין גלייכע וואהל-רעכט!״

אוודאי זיינען מיר איצט נישט דארט, ווו מיט 40 יאר צוריק. אבער די אפגעשטאנענקייט פון די יידישע ארבעטער אין גאליציע, אין פארגלייך מיט די ארבעטער פון אנדערע געגנטן, איז שטענדיק געווען און איז נאך איצט זייער גרויס.

## דער מאי-אויפרוף 1894

## ברידער! ארבייטער!

עס איז שוין נאהנט דער ערסטע מאי, דאס איז דער טאג, וועלכען דיא ארבייטער פין דער גאנצען וועלט האלטען פאר איין יום טוב. אויך בייא אינז וועללען דיא אויפגעקלעהרטען ארבייטער אין דעם טאג נישט ארבייטען, נאר וועללען געהען אין דער פריה אויף פערזאממלונגען, אסופות, כדי זיך צו בעראטהען, וויא אזוי צו פערבעססערן דאס ביטטערע עלענד דעס פאלקעס, אין נאכמיטטאג אויף אונטערהאלטונגען, אויספלוגען אדער פעסטען וועללען זייא זיך צערשטרייען אין דער האפפנונג, אז עס ווירד שאן באלד קיממען דיא צייט, ווא „פרייהייט, גלייכהייט אין ברידערליכקייט״ ווירד טאקי אין רעכטען אמת עקזיסטירען.

צי וועללען דיא נישט אויפגעקלעהרטען ארבייטער האלטען דען ארבייטער יום טוב, צי וועללען דיא ארמסטען, וואס זייא ווערען אם מייסטען אויסגעבייטעט, פערשטעהען דיא בעדייטונג פין דעם איינציגען יום טוב, וואס ער איז בעשטיממט נאר פאר דיא ארבייטער?

אין ערסטער רייהע ווענדען מיר אינז האנט צו דיא נאך נישט אויפגעקלעהרטען אין פרעגען זייא: האט איהר איינמאל נאכגעדאכט איבער אייערע לאגע, האט איר אייך געפרעגט, פין וואנען עס קיממט, אז עטך ברידער, וואס איהר הארעוועט שווער מבוקר עד ערב, אים שטויב אין אין שלעכטער לופט, מיזט לעבען אין נויטה אין פערזאכטונג? האט איהר גאר געהאט צייט נאכצידענקען איבער אייערע לאגע, אדער אויך, אז עטך פפלעגט אין דער נאכט מידע פין דער ארבייט אהיימציקיממען, זענט איהר דען גאר אימשטאנד געוועהן צי דענקען? אין ווען איהר האט דאס אלליין נישט געקעננט, איז דען עמיצער געוועהן, וואס ער וואללט אייך דערציילט דיא אמת׳דיגען אורזאכען פין אייער עלענד, וואס ער וואללט אייך געגעבען אין דיא האנד אגיט מיטטעל, כדי צי פערבעססערן אייערע טרויריגע לאגע?

ניין, טויזענד מאל ניין! שוין פין קינדהייט אהן, האט מען אייך געצווינגען צי ארבייטען, אין זייט דעם ערסטען טאג, אין וועלכעם עטך האט גענוממען דאס ווערקצייג אין דיא האנד, ביז צים טאדע, זענט עטך געצווינגען שווער צו הארעווען. אין וואס צווינגט אייך דערצי? דער הינגער, דאס עלענד! איהר געהט ארעם געקליידעט, איהר וואוינט אין פייכטע, פינסטערע דירות, איהר עססט שלעכט אין ווייניג, איהר ליידעט אויך פערשיעדענע קראנקהייטען, דעם לונגעפעהלער אם מייסטען.

אין דאך, ברידער אין שוועסטערן, איז יא דא עמיצער, וואס ער זאגט אייך אפפען דען גאנצען אמת, וואס ער האט נישט מורא פאר קיינעמין, נאר קלערט אייך אויף, ווי אזויא אין מיט וועלכע מיטטעל זיך צו בעפרייען פין דעם האנטיגען עלענד. דאס טהוט דיא ארבייטער-פארטייא, דיא פארטייא פין אללע פערפאלגטע אין אונטערדריקטע, דאס איזט דיא סאציאל-דעמאקראטישע ארבייטערפארטייא.

טהוט איינען בליק אום זיך, אין וואס דאזעהט עטך? גראססע פאבריקען, ווערקשטעטטען, גראססע גיטער אין שיינע הייזער געהערען צי נישט קיין סאך רייכע לייטע. דיעזער רייכטהום מוסס פין טאג צו טאג זיך פערגרעססערן אין זייערע הענד. אין אויף דער אנדערען זייטע שטעהען מיליאנען מענשען, וואס זיי האבען גאר נישט מעהר אלס זייערע צעהן פינגער, מיליאנען מענשען, וואס ארבייטען — זאלל מען אפשר אויפטרעטען געגען איינצעלנע פאבריקאנטען אדער געלדבעזיטצער פאר דעס, ווייל זייא זענען רייך?

ניין—דאס וואללט נישט קליג גיוועזן אין וואלט אויך נישט געפיהרט צום צוועק. אומגעקעהרט,—דיא מיליאנען דעס פאלקעס מעגען זיך פעראייניגען, צוזאמנענשליעססען אין פאדערן פון דער ג א נ צ ע ן געזעללשאפט, זיא זאלל פערקלענערן זייער עלענד, זיא זאלל איינפיהרען איינע גערעכטע ארדנונג. עבען דיא שווערע ארבייט האט צו ערפיללען דיא ס א צ י א ל־ד ע מ א ק ר א ט י ש ע פ א ר ט י י א.

זיא זאממעלט דאס פאלק אין וויל עס פיהרען צור עראבערונג איינער איהם אין דער געזעללשאפט געביהרענדען שטעללונג.—אין צו דעם בעדארפען דיא ארבייטער אין ערסטער רייהע,—כדי זייערע שטיממע זאלל גיהערט ווערין,—אז זייא זאללען האבען אייגענע אבגעארדנעטע אין אייגענע פערטהיידיגער, אז זייא זאללען גלייך מיט אנדערען ב ע ש ל י ע ס ס ע ן ג ע ז ע ט צ ע, וועלכע זענין דאך פאר זייא בינדענד.

עטץ ארבייטער האט היינט נישט קיין רעכט צו וועהלען אייגענע פערטרעטער אין דען רייכסראטה, לאנדטאג אדער געמיינדעראטה, אייך לאזט מען נישט צו אייער קלאגען, אייערע ווינשע אויסצודריקן דארט, וואו מען בעשליעססט געזעטצע. דיא בעזיטצער פון גראססע גיטער, קאפיטאליסטען, קליינבירגער אין בויערן זיטצען אים רייכסראטה אין מאכען געזעטצע, וועלכע עטץ מיזט בעפאלגען.

אין דאך צאהלט עטץ אויך שטייערן, יא, דער גרעססטע טהייל דער שטייערן, דיא אינדירעקטען שטייערן פון יעדעם ביססען ברויד, רוהט אויף אייערע פלייצים. אין דיא מיליטערשטייער—ווער ליעפערט אם מייסטען זעללנער דעם שטאאטע, אפשר דיא הערדען בעזיטצער?

שאן זייט לענגערער צייט פאדערן דיא ארבייטער אין עסטערייך דאס א ל ל ג ע מ י י נ ע, ג ל י י כ ע א י ן ד י ר ע ק ט ע װ א ה ל ר ע כ ט, דאס איז דאס רעכט, וואס עס איז דאס פונדאמענט פון אללע אנדערע רעכטע. ווענן מיר וועללען ערלאנגען דאס רעכט צו וועהלען דעפוטירטע אין דען רייכסראטה וועללען מיר לייכט עראבערן אויך אללע אנדערען רעכטע.

ווערדעט איהר אייך נישט אנשליעססען צו דער פאדערונג, ווילט איהר פון דער ווייטען נאר ציקיקען, וויא אנדערע שארען זיך צוזאממען צום ווערקע דער בעפרייאונג דער ארבייטערקלאססע? ניין, איהר קעננט נישט פון דער ווייטען שטעהען, איהר וועט צו אונז בייטרעטען!

דיא ארבייטער אין עסטערייך ערהעבען גלייכצייטיג דיא צווייטע זעהר וויכטיגע פאדערונג אום פ ע ר ק י ר צ ו נ ג ד ע ר א ר ב י י ט ס צ י י ט. דאס פערלאנגט דאס ארבייטענדע פאלק אויף דער גאנצען וועלט.

לאנגע ארבייט שטרענגט אן דען לייב, דיא קרעפטע ערשעפפען זיך, קראנקהייטען אללער ארט שטעללען זיך איין. אלזא, אים אינטערעססע דער ג ע ז ו נ ד ה י י ט זאלל קירצער זיין דיא ארבייטסצייט[.] לאנגע ארבייט שטרענגט אן דאס געהירן, מאכט דען מענשען נישט פעהיג צו דענקען, מען קענן דעמילט נישט לעזען, נישט לערנען. אלזא אים אינטערעססע דער ב י ל ד ו נ ג זאלל פערקירצט ווערען דיא ארבייטסצייט. דיא צו לאנג דויערנדע ארבייט איז דיא אורזאכע פון אללע לייդענשאפטען הויפטזעכליך דיא אורזאכע פונעם שיקערן. אלזא אים אינטערעססע דער מ א ר א ל י ט ע ט זאלל קירצער זיין דיא ארבייטסצייט. בייא לאנגער ארבייטסצייט איז דא אסאך אזוינע, וואס זייא קענען נישט געפינען קיין ארבייט. אז דיא ארבייטסצייט וועט זיין קערצער, וועט מען מיזען מעהר ארבייטער בעשעפטיגען. דיא פערקירצונג דער ארבייטסצייט איז נייטיג פאר דאס ארבייטענדע פאלק. דאס האט אנערקעננט דאס פאלק אויף דער גאנצען וועלט אין פאדערט, אז דיא ארבייט זאלל דויערן העכסטענס א כ ט ש ע ה א י ן ט א ג.

בריעדער אין שוועסטערן, איז אייך גלייכגילטיג דיעזע פאדערונג? ניין, אין עטץ ווילט אוודאי דאס אויך, אין עטץ ווינשט אוודאי אז עס זאלל אייך בעססער זיין. אייערע פפליכט איז דאס צו ווייזען אם

ע ר ס ט ע ן מ א י

אין דעם טאג ארבייטען נישט דיא ארבייטער פון אללע לענדער. אייערע פפליכט איז, א בעווייז צו געבען, אז איהר ווילט געהען צוזאממען מיט דען ארבייטערן אויף דער גאנצען וועלט, אייערע פפליכט אין דען ערסטען מאי אלס איינען ארבייטער יום טוב צו האלטען.

לאזט אייך פון קיינעם נישט אבשרעקען, זאגטס, אז עטץ ווילט צוזאממען מיט דען ברידערן פון אללע לענדער פייערן אין דעם טאג, וואס ער גילט פיר דיא ערא בערונג דער אכט-שטינדיגען ארבייטסצייט און דעס אללגעמיינען, גלייכען און דירעקטען וואהלרעכטס, וואזט, אז עטץ ווייססט, אום וואס עס האנדעלט זיך, אז עטץ קעננט פערשטיין אייערע פפליכט. ווענן איהר וועט פייערן אם ערסטען מאי, וועללען די שונאים אויפהערען צו רעדען, אז עטץ זענט נישט רייף.

ברידער ארבייטער! פייערט דען ערסטען מאי, דען איינציגען ארבעטער יום טוב, וואזט אייערע מאכט, אייערע בעדייטונג, אייערע גרעססע!

עס לעבע דער ארבייטער יום טוב! עס לעבע דער ערסטע מאי!

# דער ייִדישער אַרבעטער און די פּוילישע סאָציאַל-דעמ' פּאַרטיי אין גאַליציע

(אַ בינטל פאַקטן וועגן דער באַוועגונג אין די 90ער יאָרן)

פון ש. בלום (קראָקע)

## I. די ערשטע גרויסע שטרײַקן צווישן ייִדן

די געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין גאַליציע איז נאָך ביז הײַנט כּמעט אַ תּורה שבעל-פּה. דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות פילט זיך ניט באַרופן צו געבן דאָ אַ וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג אויף דער טעמע, זײַן כּוונה איז נאָר איבערצוגעבן אַ ריי פאַקטן און עפּיזאָדן פון דער באַוועגונג אין גאַליציע און אירע טוער, טיילווײַז לויט אייגענע יוגנט-זכרונות און טיילווײַז לויט זכרונות פון צײַט-היסטאָרישע עדות, וואָס ער האָט אַזוי צו זאָגן איבערגענומען,[1] און אויך לויט דער פּרעסע פון יענע יאָרן.[2]

שוין אין די 70ער יאָרן באַווײַזן זיך אין גאַליציע, דער עיקר צווישן די סטודענטן, די ערשטע סימנים פון סאָציאַליסטישער אויפקלערונג, וואָס וואַרפן זיך שפּעטער אַריבער צו דער ייִדישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. די ליבעראַל-אַסימילאַטאָרישע אידעען פון דעם ייִדישן בירגערטום האָבן נאָך אַ לאַנגע צײַט אַ געוואַלדיקע צוציקראַפט צווישן די ערשטע ייִדישע ראַדיקאַל געשטימטע טוער. די סאָציאַליסטישע אַרבעט האָט אין אָנהייב געטראָגן אין תּוך אַ קולטור-טרעגערישן כאַראַקטער; דער מאַרקסיזם האָט ערשט געשטעלט זײַנע קינדערטריט. סײַ די פּוילישע ראַדיקאַלע שטודירנדיקע יוגנט, סײַ די ייִדישע, האָבן צו דער אַרבעטנדיקער מאַסע געהאַט מער אַ געפיל פון פּשוטער רחמנות, ווי אַ סאָציאַליסטישן צוגאַנג, און האָבן געשטרעבט צו פאַרבעסערן די לאַגע פון דער פינצטערער מאַסע, וואָס איז געווען באמת אַ שרעקלעכע. טיפּישע פאַרטרעטער פון דער דאָזיקער ריכטונג זײַנען געווען, אויב איך האָב ניט קיין טעות, דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „נאַפּשוד" עמיל העקער,[3] דער באַקאַנטער פּוילישער שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר פון „קריטיקאַ" ווילהעלם פעלדמאַן און דער נאָך זייער יונגער יוזעף דראָבנער, דער שפּעטערדיקער מחבר פון דער סאָציאַליסטישער בראָשור אין ייִדיש „עס טאָגט".

אין די אַלגעמיינע בילדונגס-פאַראיינען „סילאַ"[4] איז די איינציקע הערשערין געווען די פּוילישע שפּראַך. ערשט ווען מ'האָט זיך אַרומגעזען, אַז אויף דעם וועג וועט מען די ייִדישע מאַסע ניט געווינען, איז מען געגאַנגען אַ טריט ווײַטער און מ'האָט—נאָך אַ לאַנגן קאַמף—דערלויבט פאַר די ייִדן, וואָס פאַרשטייען ניט קיין פּויליש, צו

---

1 אַ סך ידיעות וועגן די ערשטע טריט פון דער באַוועגונג האָב איך סוף די 90ער יאָרן באַקומען פונעם פאַרשטאָרבענעם יעקבֿ גראָבלער, דעם שפּעטערדיקן מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון זשפּס"ד.

2 דער עיקר פון „נאַפּשוד", אָרגאַן פון דער פּס"ד אין גאַליציע.

3 דער מחבר פון דעם ניט לאַנג אַרויסגעגעבענעם בוך: Historja socjalizmu w Galicji i na Śląsku (1933 קראָקע). — רעד'.

4 דער ערשטער פאַראיין „סילאַ" (Siła) האָט זיך געגרינדעט אין לעמבערג סוף 1891. — רעד'.

רעדן דײַטשמערישן ייִדיש. דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז אין אַ ריי גרויסע שטעט, ווי לעמבערג, קראָקע און פּרעמישלע, זײַנען אויפגעקומען ריין ייִדישע בילדונגס-פֿאַראיינען: אין לעמבערג די „יד-חזקה" (1892) און אין קראָקע די „ברידערליכקייט". אין קראָקע האָט דעמאָלט געשפּילט צווישן די אַרבעטער-טוער אַ גרויסע ראָלע אַ יונגער סטודענט פֿון דײַטשלאַנד ר ו ב י נ ש ט י י ן, אַ גוטער רעדנער אין דײַטש און מיט גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע פֿעיִקייטן. אונטער זײַן ווירקונג איז געשטאַנען אַ גאַנצע מחנה האַנדלס-אָנגעשטעלטע, וואָס אייניקע פֿון זיי זײַנען שפּעטער געוואָרן געטרײַע אַרבעטער-טוערס.

דער עקאָנאָמישער מצב פֿון די אַרבעטער אין גאַליציע איז געווען אַ שרעקלעכער ניט בלויז בײַ ייִדן, נאָר אויך בײַ די פּאָלאַקן און אוקראַיִנער. וועגן דער גוואַלדיקער נויט פֿון דעם ייִדישן אַרבעטמענטש האָט מען זיך דערוווּסט באַזונדערס פֿון דעם באַקאַנטן ש ט ר ײַ ק פֿ ו ן ד י ט ל י ת י ם - ו ע ב ע ר ס אין קאָלאָמיי אין 1892, וואָס האָט ממש אויפגערודערט די גאַנצע עפֿנטלעכקייט. אַלטע פֿרומע ייִדן, מיט באָרד און פּאות; ייִדן, וואָס זיצן פֿון פֿאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט בײַם האַנטוועבשטול און זינגען דערבײַ אומעטיק קאַפּיטלעך תּהילים; ייִדן, וואָס רעדן ניט שבת קיין דבֿרי-חול, ווײַל אין דער וואָכן אַרבעטן זיי בײַ אַ הייליקער זאַך, דורך וועלכער ייִדן דינען דעם בורא; ייִדן, וואָס פֿאַרדינען פֿאַר אַן 18-שעהדיקן אַרבעטסטאָג פֿון 2 ביז 4 גולדן אַ וואָך— אָט אַזעלכע ייִדן האָבן שוין ניט געקענט מער אויסהאַלטן און זײַנען אַרויס אין שטרײַק. די דאָזיקע דערשלאָגענע מענטשן זײַנען בעת דעם שטרײַק אַוועק צום רבֿ און אים געצוווּנגען, ער זאָל עפֿענען דעם אָרון-קודש, און האָבן אין קיטל און טלית געשוואָרן, אַז זיי וועלן ניט צוריקגיין צו דער אַרבעט, ביז די בעלי-בתּים וועלן זיי ניט נאָכגעבן און אײַנפֿירן אַ בעסערן לוין און אַ 12-שעהדיקן אַרבעטסטאָג. 3 חדשים האָט געדויערט אָט דער העלדישער קאַמף, אָבער 10 חסידישע ייִדן האָבן צוליב דעם שרעקלעכן הונגער פֿון זייערע פֿאַמיליעס ניט אויסגעהאַלטן און דעם שטרײַק געבראָכן, און דאָס האָט אויך די איבעריקע געצוווּנגען אומצוקערן זיך צו דער אַרבעט אויף די אַלטע תּנאים.

דער דאָזיקער שטרײַק פֿון די אָפּגעשטאַנענע טלית-וועבערס, הגם אַ פֿאַרשפּילטער, האָט דעם ייִדישן אַרבעטער אין גאַליציע אָנגעוויזן דעם וועג, אַז מען דאַרף זיך אָפּריער אָ ר ג אַ נ י ז י ר ן בכדי צו געווינען דעם עקאָנאָמישן קאַמף. דער שטרײַק האָט געווירקט בעסער ווי הונדערטער אַגיטאַציע-פֿאַרזאַמלונגען, און אין אַ ריי שטעט הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג צווישן די ייִדישע בעקערס, שנײַדערס, שוסטערס און קאַמאַשן-מאַכערס צו אָרגאַניזירן זיך פֿאַר אַ בעסערן אַרבעטסלוין און קירצערן אַרבעטסטאָג. די פֿאָדערונג פֿון אַן 8-שעהדיקן אַרבעטסטאָג איז געווען אַ ווײַטער אידעאַל, כּמעט ווי אַ דערגרייכונג ערשט נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע; שוין אַ 12-שעהדיקער אַרבעטסטאָג איז דעמאָלט געווען אַ רעוואָלוציאָנערע פֿאָדערונג.

דעם 15טן מאַי 1894 ברעכט אויס אין קראָקע דער ע ר ש ט ע ר ש ט ר ײַ ק פֿון 200 ייִדישע און פּוילישע ב ע ק ע ר ס. אויף זייערע שריפֿטלעכע פֿאָדערונגען צום פּוילישן און ייִדישן בעקערצעך פֿון די בעלי-בתּים וועגן פֿאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג אויף 12 שעה אַ טאָג באַקומען די אַרבעטער אַזאַ ענטפֿער: „ערשטנס, איז אַ 20-שעהדיקער אַרבעטסטאָג [אויף וואָס די אַרבעטער האָבן זיך געקלאָגט] ניט אַזוי לאַנג און די אַרבעט איז ניט קיין שווערע, און צווייטנס, וואָס וועלן די אַרבעטער טאָן מיט דער פֿרײַער צײַט, ניט זײַענדיק בײַ דער אַרבעט?" דער דאָזיקער ציניִשער ענטפֿער פֿון די בעלי-בתּים האָט אַרויסגערופֿן אַ שרעקלעכע אויפֿרעגונג צווישן די אַרבעטער, און אַפֿילו די מאַכט, וואָס איז תּמיד געשטאַנען אויפֿן צד פֿון די בעלי-בתּים, האָט דאָס מאָל זיך ניט אָקעגנגעשטעלט די אַרבעטער. אין וואָסערע באַדינגונגען די בעקערס פֿלעגט אויס-קומען צו אַרבעטן, וועגן דעם דערציילט אונדז דער „נ אַ פּ ש ו ד" (פֿאַר מאַי 1894, אַ נאָטיץ וועגן דעם בעקערשטרײַק): „פֿון 39 בעקערײַען אין גאַנץ קראָקע געפֿינען זיך 12 אין קעלערן; 23 בעקערײַען אַרבעטן בײַ דער ערגסטער שמוץ און נאָר 4 זײַנען אין

אָרדענונג״; „דער אַרבעטסטאָג אין 1 בעקערײַ איז 9 שעה, אין 9 בעקערײַען – פֿון 12 ביז 14 שעה, אין 27 בעקערײַען–פֿון 15 ביז 22 שעה, און אין 1 בעקערײַ אַרבעט מען בכלל אָן אַן איבעררײַס״. „דער דורכשניטלוין כּמעט אין אַלע בעקערײַען איז 7 גולדן מיט 30 קרײַצער אַ וואָך, נאָר איין אַרבעטער פֿאַרדינט 11 גולדן, 17 אַרבעטער פֿאַר-דינען פֿון 4 ביז 6 גולדן אַ וואָך״.

די דאָזיקע ציפֿערן האָבן געמאַכט אַזאַ רושם אויף דער עפֿנטלעכער מיינונג, אַז בסך-הכּל נאָך 24 שעה פֿון שטרײַק האָבן די בעלי-בתּים אַלע פֿאָדערונגען פֿון שטרײַק-קאָמיטעט נאָכגעגעבן. עס איז אײַנגעפֿירט געוואָרן אומעטום אַ 12-שעהדיקער אַרבעטס-טאָג, 8 גולדן אַ וואָך און בעסערע קעסט, ניט צו פֿאַרשליסן די בעקערײַ בשעת דער אַרבעט און די רעגולירונג פֿון דער אַרבעטס-פֿאַרטיילונג מצד דעם פֿאַראיין. דער חילוק צווישן דעם שטרײַק פֿון די קאָלאָמייער טלית-וועבערס אין 1892 און דעם בעקערשטרײַק אין קראָקע אין 1894 האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן: דאָרט איז געווען אַ ריין ייִדישער שטרײַק, געפֿירט מיט פּרימיטיווע ייִדישע מיטלען („שווערן אין שול״ וכדומה), דאָ איז געווען אַ פֿאַראייניקטער שטרײַק, אָנגעפֿירט פֿון אַ מאָדערנער קלאַסן-אָרגאַניזאַציע; דעם ערשטן שטרײַק האָט מען פֿאַרלאָרן, דעם צווייטן גלענצנד געוווּנען. און דאָס איז געווען אַ לעקציע פֿאַרן ייִדישן אַרבעטער.

## II. די פּוילישע ס׳-ד׳ פּאַרטיי און די באַוועגונג צווישן ייִדן

דאָס אַמאָליקע עסטרײַך איז געווען אַ נאַציאָנאַליטעטן-מלוכה, די סאָצ׳-דעמאָקראַ-טישע פּאַרטיי אָבער איז זינט דער אַזוי גערופֿענער „היינפֿעלדער פּראָגראַם״ געווען אַ צענטראַליסטישע, ווו אָבער אַלע נאַציעס, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פּאַרטיי, האָבן געמעגט פֿירן די סאָציאַליסטישע אַרבעט אין דער שפּראַך פֿון זייער פֿאָלק און זײַנען געווען אַן אויטאָנאָמער באַשטאַנדטייל פֿון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי. די קאָנגרעסן פֿון דער לאַנדפּאַרטיי האָבן געקענט אָננעמען באַשלוסן נאָר בנוגע די באַדערפֿענישן אין לאַנד, אָבער באַשלוסן אין מלוכהשן מאָסשטאַב איז געווען באַרעכטיקט אָנצונעמען נאָר דער אַלגעמיינער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּאַרטיי אין גאַנצן. דער דאָזיקער צענט-ראַליזם האָט דער עסטרײַכישער ס״ד פּאַרטיי נישט געהאָלפֿן צו פֿאַרהיטן פֿון אינערלעכע נאַציאָנאַלע רײַבונגען. זייער אָפֿט זײַנען אָט די רײַבונגען געקומען צום אויסדרוק אין די פֿאַרשיידענע לענדער פֿון דער מלוכה.

דער זעלביקער פּראָצעס איז אויך פֿאָרגעקומען אין דער פּוילישער ס״ד פּאַרטיי פֿון גאַליציע. די פּוילישע סאָציאַליסטן האָבן געמוזט מאַכן פֿאַרשיידענע הנחות דער נאָך נישט אויסגעקריסטאַליזירטער ייִדישער באַוועגונג. דעם 19טן מאַי 1893 קומט פֿאָר אין קראָקע די גרינדונג פֿון דעם ערשטן ייִדישן בילדונגס-פֿאַראיין, וועלכן די מאַכט וויל נישט לעגאַליזירן. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, דעם 22טן מאַי, ווערט צונויפֿגערופֿן דער ערשטער גרויסער פֿאָלקסמיטינג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין זאַל פֿון שטאָטראַט, מיט דעם סדר-היום: „סאָציאַליזם און דער ייִדישער אַרבעטער״; רעפֿערענט—רובינשטיין. שפּעטער, דעם 13טן יאַנואַר 1894, קומט פֿאָר אַ געשלאָסענע פֿאַרזאַמלונג פֿון ייִדישע אַרבעטער, אויף דער טעמע: „צוועק און נוצן פֿון אַ ייִדישער אָרגאַניזאַציע, אין אַן אייגענעם לאָקאַל״; רעפֿערענטן—רובינשטיין און העקער.

אויף דעם אָרט פֿון דעם נישט-לעגאַליזירטן סטאַטוט פֿון „יד חזקה״ ווערט דעם 18טן אויגוסט 1894 לעגאַליזירט דער ערשטער בילדונגס-פֿאַראיין אין קראָקע „ברידער-ליכקייט״. בײַ דער ערשטער גענעראַל-פֿאַרזאַמלונג ווערט געוויילט רובינשטיין פֿאַר אַ פֿאָרזיצער, ווי אַ רעפֿערענט טרעט אַרויס טאַדעוש רעגער.[5]

5 טאַדעוש רעגער איז געווען דעפּוטאַט אינעם פּאַרלאַמענט פּויליש סיים.

דעם זעלביקן יאָר (1894) קומט פֿאָר אין לעמבערג אַ לאַנד-צוזאַמענפֿאָר פֿון דער גאַליצישער ס״ד פּאַרטיי, אויף וועלכן עס קומט צו אַן ערנסטן צוזאַמענשטויס צווישן רובינשטיינען און דער מערהייט פֿון דער פּאַרטיי בנוגע דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געגומען אַלץ מער און מער פֿאַרשפּרייטן אין גאַליציע, אַפֿילו אין די רייען פֿון די אַרבעטער. רובינשטיין האָט אַרײַנגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ער האָט געפֿאָדערט, אַז די פּוילישע סאָציאַליסטן זאָלן זיך שאַרף אָפּגרענעצן פֿון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט געפֿירט צווישן דער פּוילישער מאַסע מצד די פּוילישע גלחים און דער קאָנסערוואַטיווער פּרעסע. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז קעגן דער רעזאָלוציע פֿון רובינשטיינען זײַנען שאַרף אַרויסגעטראָטן די פֿיר ייִדישע דעלעגאַטן: פֿרענקעל, סאַלאַמאַנדער (ביידע פֿון דער רעדאַקציע פֿון ייִדישן „אַרבייטער״), העקער און דיאַמאַנד, און צוויי פֿון די פּוילישע—דאַשינסקי און רעגער. דערבײַ האָט איינער פֿון די ייִדישע דעלעגאַטן, ווי עס ווײַזט אויס פֿרענקעל, אַזוי מאָטיווירט: „די הייגפֿעלדער פּראָגראַם פֿון דער עסטרײַכישער ס״ד פּאַרטיי האָט זיך שוין אַרויסגעזאָגט וועגן דער פֿראַגע פֿון אַנטיסעמיטיזם; אַזאַ רעזאָלוציע איצט וואָלט געקענט אַרויסרופֿן אַ חשד, אַז אין דער פּאַרטיי זײַנען פֿאַראַן אַנטיסעמיטן, קעגן וועלכע עס דאַרף אָנגענומען ווערן אַ ספּעציעלע רעזאָלוציע, און דעריבער איז רובינשטיין (וואָס לייגט די רעזאָלוציע פֿאָר) דער ערגסטער „אַנטיסעמיט״, און צו אים מוז די רעזאָלוציע צוריקגעשיקט ווערן און ניט צום צוזאַמענפֿאָר...״[6]

אויף דעם זעלביקן צוזאַמענפֿאָר איז אויך אויפֿגעהויבן געוואָרן די פֿראַגע פֿון אַ גענעראַל-שטרײַק ווי אַ קאַמפּמיטל פֿאַר אַלגעמיינעם וואַלרעכט. רובינשטיין האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם, ווײַל די פּאַרטיי איז נאָך צו שוואַך און ס׳איז ניטאָ די פֿולע זיכערקייט, אַז דער דאָזיקער עקספּערימענט וועט זיך אײַנגעבן. בײַם אָפּשטימען זײַנען מיט אַ גרויסער מערהייט אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן סײַ זײַן רעזאָלוציע קעגן אַנטיסעמיטיזם, סײַ זײַן רעזאָלוציע קעגן גענעראַל-שטרײַק.

מיר ווילן דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן אָט דעם יונגן רובינשטיין. עפּעס האָט ער פֿון אָנהייב אָן ניט נושא חן געווען בײַ די פֿירער פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אים פֿאַרשריען, אַז ער טראָגט צווישן די ייִדישע מאַסן „גערמאַניזאַציע״— פּונקט ווי מען האָט שפּעטער אין רוסיש-פּוילן באַשולדיקט די „ליטוואַקעס״, אַז זיי זײַנען די טרעגער פֿון רוסיפֿיקאַציע צווישן די ייִדישע מאַסן. בײַ אַזאַ באַציִונג צו אים האָט רובינשטיין ניט געקענט ברייט אַנטוויקלען די פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין קראָקע, וואָס ער האָט אַזוי ענערגיש אָנגעהויבן. נאָך זײַן דורכפֿאַל אויף דעם דערמאָנטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ס״ד לאַנדפּאַרטיי, ניט געפֿינענדיק אויך די געהעריקע אונטערשטיצונג מצד די ייִדישע אַרבעטער אין קראָקע, איז רובינשטיין, אַ פֿאַרביטערטער, אַרויסגעטראָטן אין מאַי 1895 פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון פֿאַראיין „ברידערליכקייט״ און אויף זײַן אָרט איז אויסגעוויילט געוואָרן דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער פּפּ״סישער טוער יוזעף קליינבערגער. דערמיט ווערן איבערגעריסן אַלע פֿעדים, וואָס האָבן רובינשטיינען פֿאַרבונדן מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג אין גאַליציע. נאָך אַ לאַנגן געראַנגל מיט הונגער און נויט און פֿעריזענלעכע רדיפֿות מצד דעם פֿירער פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטן איגנאַצי דאַשינסקי איז דער דאָזיקער ערשטער ייִדישער אַגיטאַטאָר אין גאַליציע פֿאַרשוווּנדן, און ביז אויף הײַנטיקן טאָג ווייס מען ניט וווּ זײַן געבליין איז אַהינגעקומען. ער האָט אָבער נאָך זיך איבערגעלאָזט זייער אַ גוטן נאָמען

6 איך ציטיר די דאָזיקע ווערטער לויט דער צײַטשריפֿט „נאַפּשוד״ פֿון 1894, וווּ עס ווערט ניט אָנגעגעבן דער נאָמען פֿון דעם רעדנער, אָבער ס׳איז קלאָר פֿון טעקסט, אַז געזאָגט האָט עס אַ דעלעגאַט פֿון לעמבערג, און איך בין משער, אַז דאָס האָט געזאָגט פֿרענקעל, בכל אופֿן איינער פֿון די ייִדישע דעלעגאַטן, און חוץ אים איז געווען נאָר סאַלאַמאַנדער. — ש. ב.

צווישן די קראָקעווער אַרבעטער, וועלכע האָבן ערשט שפּעטער פֿאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן אין רובינשטיינען פֿאַרלאָרן.

אין פֿעברואַר 1895 ווערט אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון „ברידערליכקייט" אויס־געוויילט י. ווײַנבערג, דער שפּעטער באַקאַנטער אַרבעטער-טוער אין אַמעריקע און פּרעזידענט פֿון דעם „אַרבעטער-רינג". פֿאַר זײַן עמיגרירן קיין אַמעריקע האָט ווײַנבערג געאַרבעט אין קראָקע צווישן די קאַמאַשן-מאַכערס. דער שרײַבער פֿון די שורות האָט איס צו פֿאַרדאַנקען, וואָס ער איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אויף אַן עפֿנטלעכער פֿאַרזאַמלונג אין מאַי 1895 אין קראָקע איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס מיט די ציוניסטן (ריכטיקער: אָנהענגער פֿון פּאַלעסטינע). זייער פּראָפּאַגאַנדיסט ד"ר כאַמיידעס האָט געהאַלטן אויף דער פֿאַרזאַמלונג אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז „אינעם יידישן פֿאָלק עקסיסטירט ניט קיין פּראָלעטאַריאַט ווי אַ קלאַס; עס זײַנען פֿאַראַן נאָר—אונטערדריקטע ייִדן". די פֿאַרזאַמלטע אַרבעטער האָבן אויפֿגעהויבן אַ טומל און מיט אַן ענטפֿער איס זײַנען אַרויסגעטראָטן ווײַנבערג און שווייצער; כאַראַקטעריסטיש, אַז אין דעם באַריכט וועגן דער פֿאַרזאַמלונג באַמערקט דער „נאַפּשוד", אַז די ביידע רעדנער האָבן גערעדט „דײַטש" (געמיינט, נאַטירלעך, יידיש). אויף דעם רוף פֿון ד"ר כאַמיידעס אַרײַנצוטרעטן אין די רייען פֿון דער פּאַלעסטינע-באַוועגונג האָבן די יידישע אַרבעטער געענטפֿערט מיטן ליד „טשערוואָני שטאַנדאַר".[7]

די באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער וואַקסט וואָס ווײַטער אַלץ מער, זי ווערט רעאָרגאַניזירט, עס קומען צו נײַע מענטשן, די צאָל בילדונגס-פֿאַראיינען ווערט גרעסער; אויסער לעמבערג און קראָקע גרינדן זיך אַזעלכע פֿאַראיינען („ברידערליכקייט") אויך אין כשאַנאָוו, ריישע, פּרעמישלע, סטאַניסלאָוו, סטרי, דראָהאָביטש, בוטשאַטש און באָריסלאַוו. אָבער דער באַוועגונג פֿעלט נאָך אַ קלאָרע ליניע, אַ ריכטונג. די ערשטע פֿאָדערונג צו דער ס"ד פּאַרטיי אין גאַליציע איז: יידיש רעדנדיקע אַגיטאַטאָרן און אַן אייגענער אָרגאַן אין „זשאַרגאָן"; פֿון אַ מינדסטער שטרעבונג צו „זעלבשטענדיקייט" איז מען נאָך געווען ווײַט. און ווען די פּוילישע סאָציאַליסטן האָבן בתּשובֿה אויף די פֿאָדערונגען געמאַכט קליינע הנחות, האָבן זיי עס געטאָן נאָר צוליב „טעכנישער צוועק־מעסיקייט" און ניט כּדי צו באַפֿרידיקן די „נאַציאָנאַלע באַדערפֿענישן" פֿון דער יידישער אַרבעטער-מאַסע.

די דאָזיקע „צוועקמעסיקייט" צווינגט דעם צוזאַמענפֿאָר פֿון דער גאַליצישער ס"ד פּאַרטיי אין נײַ-סאַנץ, דעם 27סטן סעפּטעמבער 1895, צו דערקלערן די צײַטונג „דער אַרבייטער" פֿאַר אַ פּאַרטיי-אָרגאַן, וואָס דערשײַנט אונטער איר קאָנטראָל. אויף דעם צוזאַמענפֿאָר האָט זיך דער דעלעגאַט פֿון קראָקע איגנאַצי בראָס (אַ ברודער פֿון יעקבֿ בראָס, דעם שפּעטערדיקן מיטגרינדער פֿונעם גאַליצישן בונד—דער „זש. פּ. ס. ד.") געקלאָגט אויף דער שוואַכער טעטיקייט פֿון די בילדונגס-פֿאַראיינען צווישן די יידישע אַרבעטער און געפֿאָדערט פֿאַר קראָקע יידיש-רעדנדיקע אַגיטאַטאָרן און אַ בעסערע באַדינונג מיט יידישער ליטעראַטור. דער צוזאַמענפֿאָר האָט באַשלאָסן צו באַפֿרידיקן די דאָזיקע ווונטשן פֿון די יידישע דעלעגאַטן (פּונקט 12 פֿון די באַשלוסן). דאָס איז געווען ניט קיין העפֿלעכקייט-אַקט לגבי די יידישע אַרבעטער, נאָר אַ טיפֿע נויטווענדיקייט, וואָס אַלע האָבן געמוזט אײַנזען.

איך מוז דאָ באַמערקן, אַז אין דעם קאַמף קעגן דער שאַרפֿער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אין גאַליציע איז די פּוילישע ס"ד פּאַרטיי אין יענער צײַט געשטאַנען אויף דער געהעריקער הייך. עס איז ניט געווען קיין איין נומער פֿון „נאַפּשוד", וואָס

---

7 וועגן אַן אַנדער דיסקוסיע צווישן ד"ר כאַמיידעס און איגנאַצי דאַשינסקי ווערט דערציילט אין דעם אַרט' פֿון יעקבֿ בראָס, זע אויבן. — רעד'.

זאָל ניט האָבן אַרויסגעטראָטן קעגן די כּל המינים אַנטיסעמיטן אין לאַנד. דער פֿירער פֿון דער פּאַרטיי, איגנאַצי דאַשינסקי, איז ניט איין שטראָף אויסגעשטאַנען און חדשים לאַנג געזעסן אין תּפֿיסה פֿאַר זײַן מוטיקן קאַמף קעגן דער רעאַקציע אין גאַליציע. די ליבע פֿונעם ייִדישן פֿאָלקסמענטש אין גאַליציע דערפֿאַר צו דאַשינסקין איז געווען אין לשער, און דאָס האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן בעת דעם באַרימטן וואַלקאַמף אין 1897.

איידער איך גיי אַריבער צו דעם דאָזיקן עפּיזאָד, וויל איך דאָ באַרירן אַן אַנדער פּונקט—דעם אידעיִשן קאַמף צווישן דער סאָצ׳-דעמ׳ פּאַרטיי פֿון פּוילן און ליטע (אַזוי גער׳ ס. ד. ק. פּ. ל.), בראָש פֿון וועלכער ס׳איז געשטאַנען ראָזאַ לוקסעמבורג, און דער פּס״ד פֿון גאַליציע אויפֿן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אין אויגוסט 1896. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, ווער איז באַרעכטיקט אויף דעם קאָנגרעס צו פֿאַרטרעטן דעם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט. צווישן די גאַליצישע ס״ד זײַנען געווען געוויסע סימפּאַטיעס פֿאַר דער ריכטונג פֿון ראָזאַ לוקסעמבורג. כּדי אָפּצוגרענעצן זיך פֿון לוקסעמבורג, איז אין דאַשינסקיס „נאַפּשוד“ אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ דערקלערונג, אַז ראָזאַ לוקסעמבורג איז אויף דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס אַרויסגעטראָטן ניט אין נאָמען פֿון דער פּוילישער דעלעגאַציע (בראָש פֿון וועלכער ס׳איז געשטאַנען דאַשינסקי) און אַז די מיינונג וועגן דעם פּונקט „פּוילישע אומאָפּהענגיקייט“, וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט, געפֿינט זיך ניט אין הסכּם מיט דער מיינונג פֿון דער פּוילישער דעלעגאַציע. אין דעם פֿאַל איז צום ערשטן מאָל געקומען צום אויסדרוק די פֿולע אידעיִשע פֿאַרבינדונג צווישן דער פּס״ד אין גאַליציע און דער פּפּ״ס אין פּוילן.

## III. דער וואַלקאַמף אין דער פֿינפֿטער קוריע

בראָש פֿון דער עסטרײַכישער רעגירונג איז דעמאָלט געשטאַנען דער באַקאַנטער רעאַקציאָנער גראַף באַדעני. דעם 23סטן יאַנואַר 1896 האָט זײַן רעגירונג אַרײַנגעטראָגן אין רײַכסראַט — כּלומרשט כּדי צו באַפֿרידיקן די אינטערעסן פֿון די ברייטע מאַסן—אַ געזעץ-פּראָיעקט וועגן אַלגעמיינע, גלײַכע און דירעקטע וואַלן. דער געזעץ איז אָבער פֿון דעם דאָזיקן הויכגעשטעלטן גאַליציאַנער שליאַכטיטש געווען קונציק צונויפֿגעשטעלט, און די אַלגעמיינע וואַלן זײַנען אײַנגעפֿירט געוואָרן נאָר אין דער 5טער קוריע—אַזוי אַז קנאַפּע 2 מיליאָן ווײלער האָבן אין די 4 ערשטע קוריעס געדאַרפֿט אויסוויילן 353 דעפּוטאַטן, און די איבעריקע 3 מיליאָן—פֿון דער 5טער קוריע — בלויז 72. עס האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז 5.000 גוטבאַזיצער אין דער עסטרײַכישער אימפּעריע האָבן געהאַט 85 דעפּוטאַטן, בעת דאָס גאַנצע איבעריקע פֿאָלק נאָר 72. דער דאָזיקער געזעץ האָט אַרויסגערופֿן אַ געוואַלדיקע אויפֿרעגונג אין די רייען פֿון דער אַרבעטער-פּאַרטיי, און די עסטרײַכישע ס״ד האָבן אונטערגענומען אַ שווערן קאַמף בעת דער וואַל-קאַמפּאַניע לויט דעם נײַעם געזעץ, פֿרילינג 1897.

באַזונדערס שווער איז געווען דער דאָזיקער קאַמף אין גאַליציע, אַלע רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין לאַנד זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן דער „רויטער סכּנה“. די קאַמפּאַניע פֿון דער פּוילישער ס״ד פּאַרטיי ווערט פֿון דער מאַכט שאַרף באַקעמפֿט מיט די באַקאַנטע גאַליצישע מעטאָדן. עס איז כּמעט ניט געווען קיין איין פּוילישער אַגיטאַטאָר, קעגן וועמען עס איז ניט פֿאַרפֿירט געוואָרן קיין פּראָצעס. די בירגערלעכע פּוילישע פּרעסע טרעט אויך שאַרף אַרויס קעגן די סאָצ׳-דעמאָקראַטישע אַגיטאַטאָרן. עס ווערן פֿאַרשפּרייט אין דאָרף קלאַנגען, אַז „אויב די סאָציאַליסטן וועלן געווילט ווערן, וועלן זיי אַלע מענער פֿון דאָרף אויסהרגענען און די פֿרויען נעמען אין געפֿאַנגענשאַפֿט“. אַ שענדלעכע העצע האָבן געפֿירט די גלחים; אַזוי האָט אין מזרח-גאַליציע דער באַקאַנטער גלח סטאָיאַלאָווסקי געפֿירט אַן אָפֿענע פּאָגראָם-אַגיטאַציע. מיט איין וואָרט—

אַן אמתער שדים-טאַנץ האָט זיך אויפֿגעהויבן אין גאַליציע קעגן די סאָציאַליסטן. אָבער דער דאָזיקער וואַלקאַמף האָט זיך דאָך פֿאַרענדיקט מיט אַ גרויסן ניצחון פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטן: דעם 12טן מערץ 1897 זײַנען מיט אַ גרויסער מערהייט אויסגעוויילט געוואָרן אין קראָקע און לעמבערג די סאָציאַליסטישע פֿירער דאַשינסקי און קאָזאַקעוויטש; אין קראָקע האָט דאַשינסקי באַקומען פֿין 12.340 שטימען—9.132, און אין גאַנצן ראַיאָן—22.214, די קאַנדידאַטן פֿון די פּריצים פֿירשט פּאַנינסקי און פֿון דעם כּלומרשטן „דעמאָקראַט" ד״ר מיקאָלאַיסקי האָבן געליטן אַ שטאַרקע מפּלה.

זייער אינטערעסאַנט איז די ראָלע פֿון ייִדישן פֿאָלקסמענטש אין דעם דאָזיקן וואַלקאַמף. אין אַלע בתּי-מדרשים האָט מען שבת בײַם לייענען די תּורה גערופֿן צו שטימען „פֿאַר דעם אוהבֿ-ישׂראל" דאַשינסקי. עס האָבן ניט געהאָלפֿן קיין שום קללות וחרמות פֿון אַרום. די שטימונג צווישן די ייִדישע מאַסן איז געווען אַזאַ, אַז אין קראָקע, למשל, ווי נאָר עס פֿלעגט זיך אין די ייִדישע געגנטן באַווײַזן אַ חשודיקער פּאַרשוין, פֿלעגט ער ממש מיט שטעקנס פֿאַרטריבן ווערן—און ניט דורך אַרבעטער אָדער פּראָגרעסיסטן, נאָר דורכן פּשוטן עולם. דעם 12טן מערץ 1897 האָט דער גאַליציאַנער ייִד באַוויזן, אַז ער וויל ניט זײַן קיין געצײַג אין די הענט פֿון פֿאַרשיידענע קליקעס אויף דער ייִדישער גאַס. אין גאַנץ עסטרײַך האָבן דעמאָלט די סאָציאַליסטן אָפּגעהאַלטן אַ ניצחון און האָבן באַקומען 14 דעפּוטאַטן אין דעם נײַעם פּאַרלאַמענט. דאָס איז געווען דער ערשטער מאַרש צום ווײַטערדיקן קאַמף פֿאַר אַלגעמיינעם וואַלרעכט.

פֿאַר זײַן דורכפֿאַל מיט דעם דאָזיקן וואַל-פּרווו איז גראַף באַדעני סוף-כּל-סוף אַראָפּגעזעצט געוואָרן, און דעם אָרט פֿון פּרעמיער-מיניסטער האָט פֿאַרנומען באַראָן גאַוטש. דעם 2טן דעצעמבער 1897 האָט באַדעני געקליבן זיך צו קומען קיין קראָקע. די מאַכט האָט באַשלאָסן פֿײַערלעך אים אויפֿצונעמען, אָבער די אַרבעטער האָבן אים געמאַכט דאָ אַזאַ ברוך-הבא, אַז ער איז תּיכּף אָפּגעפֿאָרן.

דער קאַמף פֿאַר אַלגעמיינעם וואַלרעכט איז אין די ווײַטערדיקע יאָרן געפֿירט געוואָרן מיט דער זעלביקער עקשנות: אָן אַ שיעור מאַסן-פֿאַרזאַמלונגען, גאַסן-דעמאָנסטראַציעס, פּאָליטישע פּראָצעסן קעגן סאָציאַליסטן מיט יאָרן תּפֿיסה. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָבן די ייִדישע אַרבעטער אין גאַליציע זייער אַ גרויסן חלק. צווישן די געפֿאַלענע קרבנות אין די קאַמפֿן געפֿינען זיך ניט ווייניק ייִדישע אַרבעטער פֿון לעמבערג, סטאַניסלאַוו, דראָהאָביטש אאַז״וו.

אמת, דער ייִדישער אַרבעטער אין גאַליציע האָט ניט אַרויסגעגעבן אַזעלכע העלדישע געשטאַלטן, ווי דער „בונד" אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד, אָבער אין די באַדינגונגען פֿון זײַן לאַנד האָט ער אויך אַרויסגעגעבן דאָס בעסטע פֿאַר דעם אַלגעמיינעם באַפֿרײַונגס-קאַמף.

# די ערשטע ייִדישע אויסגאַבעס פֿון דער פּפּ"ס

## (1898 — 1895)

פֿון פּ. שוואַרץ (וואַרשע)

I

נאָך ווילנע און מינסק איז וואַרשע אין אָנהייב די נײַנציקער יאָרן געווען דער דריטער גרויסער צענטער פֿון אַן אָרגאַניזירטער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג.

אין איין פּרט איז וואַרשע דעמאָלט געווען אין אַ פּיל בעסערער לאַגע, ווי די ערשטע צוויי שטעט. אין ווילנע און אין מינסק זײַנען די ייִדישע אַרבעטער געווען די פּיאָנערן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בכלל, יאָרן לאַנג האָבן זיי געליטן מחמת דער אָפּגעשטאַנענקייט און טויטקייט פֿון דעם ניט-ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס צווישן אים איז אַ מאַסן-באַוועגונג אויפֿגעקומען ערשט אויף דער שוועל פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1905. מיט וואַרשע איז די זאַך געווען אַנדערש. דאָרט זײַנען די ערשטע סאָציאַליסטישע ייִדישע קרײַזלעך געווען אַ נאַטירלעכע—אַפּילו אַ ביסל אַ פֿאַרשפּעטיקטע—אויסברייטערונג פֿון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דאָס הייסט נישט, אַז די פֿירער פֿון דער אַלגעמיינער באַוועגונג אין פּוילן, די פֿירער פֿון די פּוילישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס פֿון יענע יאָרן, האָבן געזאָרגט וועגן פֿאַרזייען די קערנער פֿון סאָציאַליזם אויך אין די פֿינצטערע ייִדישע אַרבעטער-געסלעך. הן דער הערויִשער „פּראָלעטאַריאַט" און הן די שפּעטער אויפֿגעקומענע „זוויאָנזעק ראָבאָטניקוו פּאָלסקיך" און די „זיעדנאָטשעניע" (אָפּגעשפּאָלטן פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם „צווייטן פּראָלעטאַריאַט") האָבן כּמעט ווי נישט געפּרוּווט צו פֿירן אַן אַרבעט צווישן ייִדישע אַרבעטער, הגם איינצלנע ייִדן האָבן געהערט צו די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס.

דער וווּקס פֿון דער פּוילישער אַרבעטער-באַוועגונג פֿאַר זיך האָט אָבער אָנגעהויבן אַרויסרופֿן צום לעבן די דרעמלענדיקע פֿאַרבאָרגענע כּוחות פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע אין פּוילן. פֿון דער צווייטער זײַט זײַנען די ערשטע סאָציאַליסטישע שפּראָצונגען צווישן די ווילנער ייִדישע מאַסן נישט געבליבן אָן ווירקונג אויף וואַרשע. דער ערשטער קאַדער באַוווּסטזיניקע ייִדישע אַרבעטער אין וואַרשע האָט זיך געבילדעט אונטער דער השפּעה פֿון איייניקע צוגעפֿאָרענע ווילנער יונגעלײַט, סטודענטן פֿון וואַרשעווער אוניווערסיטעט און מיט דער מיטהילף פֿון אַן אומלעגאַלן קרײַזל שילער פֿון דער האַנטווערקער-שול.[1]

אין די יאָרן 1893—1895 האָבן די וואַרשעווער ייִדישע אַרבעטער-גרופּעס, אויסגעהאָדעוועט דורך די פּיאָנערן פֿון דער ליטע, זיך פֿאַרבונדן מיט דער נײַ-געגרינדעטער פּפּ"ס. די לעצטע ווײַזט אָבער אַרויס אַ קנאַפּן אינטערעס פֿאַר דער באַוועגונג פֿון די ייִדישע אַרבעטער. זי טאָלערירט זיי; זי ווײַזט אַפּילו אַרויס צופֿרידנקייט מיט דעם נײַעם מיטקעמפֿער, אָבער—פּונקט ווי די פֿריערדיקע פּוילישע אָרגאַניזאַציעס—נעמט זי פֿון איר זײַט נישט אָן קיין שום מיטלען, אַז די ייִדישע באַוועגונג זאָל וואַקסן, לאָזן

---

1 אויספֿירלעכער זע אין די זכרונות פֿון דזשאָן מילל אין דעם באַנד, קאַפּ' 2 — וועגן וואַרשע. — רעדאַקציע.

וואָרצלען. אין משך פֿון אַלע שפּעטערדיקע יאָרן, כּל זמן טיילן פֿון די ייִדישע אַרבעטער זײַנען געשטאַנען אין די רייען פֿון דער פּפּ״ס, זײַנען אויף דעם באָדן כּסדר פֿאָרגעקומען רײַבונגען צווישן זיי און דער פּאַרטיי-פֿירונג. אין די 90ער יאָרן, ביז דעם אויפֿקום פֿון „בונד״, האָבן די ייִדישע מיטגלידער פֿון פּפּ״ס זיך נישט געקענט דערבעטן, אַז ס'זאָל אײַנגעשטעלט ווערן אַ ייִדישע פּאַרטיי-ליטעראַטור. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן בלויז דערשײַנען איינצלנע, זעלטענע אויפֿרופֿן. שפּעטער, כּדי צו קאָנקורירן מיטן „בונד״, האָט פּפּ״ס שוין יאָ אָנגעהויבן אַ געוויסע אַרויסגעבערישע טעטיקייט, אָבער זי איז געווען ניט דער ערך קלענער און שוואַכער פֿון דער פֿאַרצווײַגטער ליטעראַטור פֿון „בונד״ און האָט ווײַט ניט געקענט באַפֿרידיקן די באַדערפֿעניש פֿון די אויפֿוואַכנדיקע ייִדישע אַרבעטער-מאַסן.

וועגן ערשטן ייִדישן אויפֿרוף פֿון די וואַרשעווער סאָציאַליסטישע גרופּעס איז באַוווּסט בלויז דאָס, אַז ער איז אַרויס צום ערשטן מאַי, אין אַ צאָל פֿון 150 עקזעמפּלאַרן. י צ ח ק פּ ס ח ז אָ ן („אַן אַלטער באַקאַנטער״), וועלכער האָט אַליין זיך באַטייליקט אין אַרויסגעבן דעם אויפֿרוף (ער האָט אים איבערגעזעצט פֿון פּוילישן אָריגינאַל), גיט אָן סתּירותדיקע דאַטעס וועגן יאָר פֿון זײַן דערשײַנען. אין איין אָרט שרײַבט ער,[2] אַז דער אויפֿרוף איז אַרויס (העקטאָגראַפֿירט) אין יאָר 1892, און אין אַ צווייטן[3] — אַז ער האָט דערשײַנט אין 1893 אָדער 1894.[4] לײדער איז דער דאָזיקער אויפֿרוף נישט פֿאַראַן אין קיין שום אַרכיוו. לויט אונדזער אויסרעכענונג איז גיכער אָנצונעמען, אַז דער אויפֿרוף איז אַרויס בכל אופֿן נישט שפּעטער ווי אין יאָר 1893, ווײַל אין 1894 איז דער גרעסטער טייל פֿון די דעמאָלט אָרגאַניזירטע ייִדישע גרופּעס אין וואַרשע שוין געווען אָנגעשלאָסן אין פּפּ״ס, און אַז די לעצטע זאָל דעמאָלט האָבן אַרויסגעגעבן אַ ייִדישן אויפֿרוף, איז ניט באַקאַנט.

אַ ג ע ד ר ו ק ט ע ר ייִדישער מאַי-אויפֿרוף איז אַרויס אין אַפּריל 1895, אין 500 עקזעמפּלאַרן—דאָס איז דער ע ר ש ט ע ר ייִדישער סאָציאַליסטישער אויפֿרוף אין פּוילן און אויף דער טעריטאָריע פֿון דער אַמאָליקער צאַרישער אימפּעריע בכלל. דער אויפֿרוף איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן צענטראַלן קאָמיטעט פֿון דער פּפּ״ס[5], וואָס האָט זיך געבילדעט אין 1893. פֿאַרפֿאַסט איז ער געוואָרן אין לאָנדאָן און דאָרט אויך אָפּגעדרוקט. ווי פֿאַר יענער צײַט, איז די פּראָקלאַמאַציע געשריבן אין אַ זאַפֿטיקן ייִדיש—אין אַ פֿיל בעסערן, ווי אַ סך פֿון די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס פֿון דער פּפּ״ס. זײַן מחבר איז קאָנטיק געווען איינער פֿון דער גרופּע לאָנדאָנער ייִדישע סאָציאַליסטישע עמיגראַנטן פֿון יענע יאָרן, וואָס האָבן פֿאָרמעל צו פּפּ״ס ניט געהערט, אָבער האָבן איר מיטגעהאָלפֿן אין איר טעטיקייט. אויף דער צווייטער זײַט פֿונעם אויפֿרוף איז פֿאַראַן אויך אַ פּוילישער טעקסט; דער אינהאַלט איז דער זעלביקער, ווי אין דעם ייִדישן טעקסט, ער איז אָבער שטאַרק געקירצט און די איבערזעצונג איז אַ גאַנץ פֿרײַע. אויף ביידע זײַטן געפֿינט זיך די אונטערשריפֿט פֿון פּפּ״סישן צענטראַלן קאָמיטעט (צ. ק. ר.—„צענטראַלני קאָמיטעט ראָבאָטניטשי״). צו דעם צענטראַלן קאָמיטעט האָבן דעמאָלט געהערט דער

---

2 „אידישער אַרבעטער״ (אויסל׳ אָרגאַן פֿון „בונד״), נו׳ 10 (1900).

3 ז״ב „25 יאָר״ (וואַרשע 1922), אַ ן אַ ל ט ע ר ב אַ ק אַ נ ט ע ר: „אין וואַרשע ערב „בונד״.

4 ד ז ש אָ ן מ י ל ל אין זײַנע זכרונות, וואָס מיר דרוקן דאָ, גיט אָן דאָס יאָר 1893. — ר ע ד׳.

5 ד ז ש אָ ן מ י ל ל שרײַבט, אַז דער געדרוקטער מאַי-אויפֿרוף, וואָס ער און זײַן גרופּע האָבן אַרויסגעגעבן אין יאָר 1897, איז געווען דער ע ר ש ט ע ר; פֿון פּ. שוואַרצס באַהויפּטונג איז צו זען, אַז דער ערשטער אויפֿרוף איז אַרויס נאָך מיט 2 יאָר פֿריער און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון פּפּ״ס; דעם דאָזיקן, ביז איצט אומבאַקאַנטן, אויפֿרוף האָט דער מחבר ערשט איצט צופֿעליק געפֿונען אין דעם פּפּ״סישן אַרכיוו אין וואַרשע. — ר ע ד׳.

שפּעטערדיקער פּוילישער מלוכה-פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי, יוזעף פּילסודסקי, סולקעוויטש און אינזש׳ אַלעקסאַנדער מאַלינאָווסקי, און אויך דער הײַנטיקער פֿירער פֿון נפּ״ר (נאַראָדאָוואַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ) פּראָפּ׳ לודוויק קולטשיצקי.

מחמת דעם גרויסן היסטאָרישן באַטײַט פֿון דער דאָזיקער פּראָקלאַמאַציע ברענגען מיר דאָ איר פֿולן יידישן טעקסט (מיר שטעלן נאָר צו די וויכטיקסטע אָפּשטעל-צייכנס).

## מאַי-אויפֿרוף פֿון 1895

### צוא אונזע־ע אידישע ברידער ארבייטער

דער קאמפף צוא פערבעסערין דאס לעבען פון דיא ארבייטער-קלאסע 1) אום צוא קענען ארבייטין קורצערע שטונדען א טאג. 2) אום צוא קענען לעבען חאָטש עטוואס בעסער. 3) אים צוא קריגען פאליטישע רעכטע. 4) אום זיך צו בעפרייען אין גאנצען פון דעם שווערין עול פון ארעמקייט, נייט, עלענד, הונגער אונד שקלאוועריא.

די מלחמה, וואס ווערט יעצט געפיהרט מיט דיא רעגירונג אונד קאפיטאליסטען (מייסטער רייכע פאבריקאנטען) אין אלע ציוויליזירטע לענדער, האט פעראייניגט און פערברידערט דיא ארעמע ארבייטער פון אלע לענדער, פון אלע נאציאנען, פון אלע קלאסען און רעליגיאנען. „פּ־אלע־אריער אלער לענדער פעראייניגט אייך״ איז יעצט דער קול-קורא, וואס רופט דיא ארבייטער פון דער גאנצער וועלט, דען נור מיט פער־איינינגטע קרעפטען קענען מיר ארנזערָע ביטערע לאגע פערבעסערין. דער טאג פון 1טען מאיי 1895 (19-טען אפריל נאכ׳ן רוסישען רעכענונג) איז דער היילינער טאג אין וועלכען מיר דארפען צייגען אונזער אינטערנאציאנאלען ברידער געפיהל. אין דעם טאג דארפען מיר ניט צוא ארבייטען אום, מיר זאלען צייגען אונזערע שונאים דיא קאפיטאליסטען דאס מיר זיינען אונצופרידען מיט אונזערע שלעכטע לאגע און דאס מיר פאדערין א בע־סערין לעבען פיר אלע ארבייטער אין כלל.

ברידער! חברים! דער זעלביקער יאך וואס אונטערדריקט אונז קריסטליכע ארביי־טער דריקט אײַך אויך אידישע ארבייטער, אונזערע אינטערעסען זיינען דיא זעלביקע! לאמיר זשע זיך געבין דיא הענד אונד לאמיר האנדלען איינינג אום זיך צו בעפרייען פון דעם אומגליקליכען צושטאנד, אין וועלכען מיר לעבען. דען 1-טען מאיי 1895 (19-טען אפריל רוסישען) לייגט אלע אוועק דיא ארבייט, זאלען דיא מאשינען אין דיא פאבריקען ניט ארבייטען יענעם טאג און זאל קיין ארבייט ניט געמאכט ווערין יענעם טאג, „אלע רעדער בלייבען שטיל, ווען דער ארבייטס מאן עס וויל״. מיר דארפען ניט זשאלעווען די פאר קאפיקעס וואס מיר האבען שאדען דורך דעם ניט ארבייטען איין טאג, דען ווען אונזערע מייסטערס פערגלוסט זיך, לאזען זייא אונז גיין ליידיג גאנצע וואכען, זאגאר חדשים אהן ארבייט און אהן געהאלט! טא ווארום? זאלען מיר זיך ניט ערלויבען צוא נעהמען א יום טוב חאטש איין טאג אין יאהר פיר אזא היילינען פרינציפ

ווי א דיא בעפֿרייאונג דער ארבייטער אין דער גאנצער וועלט!

לאמיר צוזאמען פאדערין אן 8 שטונדען ארבייטס טאג, בעסערע געהאלט פיר אונזער פראצע, און פאליטישע רעכטע, וועלכעס איז נייטיג אום דעם קאמפף פיר אונזער ארבייטער קלאסע ערפאלגרייך צוא מאכען; מיר מוזען אין זינען האבען דאס ווען מיר ארבייטען ניט דען ערשטען מאיי, דאן טוהען מיר דאס זעלבע, וואס מיליאנען ארבייטער טוהען אין אלע ציוויליזירטע לענדער. יעדעס יאהר אין דעם ערשטין מאיי קומען אלץ צוא גרעסערע מאסען ארבייטער אום צוא קעמפפען פיר זייער רעכט, דיזעס פערגרעסערט דיא שרעק פון דיא קאפיטאליסטען און דאָס איז א גוטע האפענונג, אז צום סוף וועלין מיר ארבייטער זיעגען!

מוטהיג! פארווערטס! אידישע ברידער ארבייטער, איהר וועלכע זייט אם מעהרסטין פערפאלגט פון דער רעגירונג, אמשלימסטן בעצאהלט פון אייערע מייסטערס פיר אייער פּראצע, איהר וואס הארעוועט דיא לענגסטע שטונדען אין טאג, פעראייניגט זיך מיט אונז;

צופרידענהייט אונד אונטערטהעניגקייט ווערט ניט פערבעסערין אייער אדער אונזער שלעכטע לאגע, אונזערע רעכטע מוזען מיר פאדערין צו זאמען וויא מענשען מיט מוטה! דען 1-טען מאיי 1895 (19-טען אפריל רוסישען) זאל קיינער פון אייך אידישע אדער פון אונז קריסטליכע בעל-מלאכות ניט ארבייטען.

**עס לעבע דער ערשטער מאיי! עס לעבע דיא אינטערנאציאנאלע פערברידערונג דער ארבייטער דער גאנצער וועלט.**

אכטונגספאלל דיא צענטראל ארבייטער קאמיטע
דער סאציאליסטישע פארטייא פון פוילען.

ווארשוי, אפריל 1895.

אַן ענלעכער אויפֿרוף דערשיַינט אויך צום ערשטן מאַי 1896. דעם דאָזיקן אויפֿרוף איז אונדז נישט געראָטן אויפֿצוזוכן — מכתמא איז פֿון אים שוין נישט געבליבן קיין זכר. דער נומער 16 פֿון אומלעגאַלן „ראָבאָטניק" (3ער יולי 1896) שריַיבט וועגן אים: „אין דער געגנט, וואָס איז באַוווינט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַפֿעלקערונג, האָט מען פֿאַרשפּרייט אַן אויפֿרוף פֿון צ. ק. ר. אין זשאַרגאָן און עטלעכע צענדלינג עקזעמפּלאַרן פֿון אַ זשאַרגאָנישער מאַי-בראָשור".

אין 1895—1896 לייגט ווילנע ווידער איר שטעמפּל אויף די וואַרשעווער ייִדישע סאָציאַליסטישע גרופּעס. עס קומען אָן קיין וואַרשע אייניקע ווילנער אַרבעטער און אינטעליגענטן, מיט **יוסף מילל** (דושאָן) בראש. זיי קומען מיט דער טראַדיציע פֿון די דעמאָלטיקע ווילנער ייִדישע סאָציאַליסטישע גרופּעס, מיט אַ היפּש ביסל ליטעראַטור און מיט אַ קלאָרן בליק אויף די אויפֿגאַבן פֿון דער מאַסן-באַוועגונג.

אַ שטיקל ציַיט—ווי ס'דערציילט יצחק פּסחזאָן—האָבן עקסיסטירט 3 באַזונדערע ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס: די פּפּ"סישע, די גרופּע פֿון די ווילנער און אַ לאָקאַלער סאָציאַליסטישער קריַיז. אָבער אָנהייב 1897 איז אַדורכגעפֿירט געוואָרן אַ פֿאַראייני-קונג פֿון אַלע דריַי גרופּעס. אַדאַנק דער דאָזיקער פֿאַראייניקונג איז פּפּ"ס כּמעט ווי אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון די ייִדישע אַרבעטער; עס איז ביַי איר פֿאַרבליבן נאָר אַ קליינער טייל פֿון איר אַמאָליקער ייִדישער גרופּע — די מערהייט איז צוגעשטאַנען צו דער פֿאַראייניקונג.

נישט געקוקט דערויף, האָט דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון פּפּ"ס באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם טראַדיציאָנעלן מאַי-אויפֿרוף אויך אין ייִדיש (1897). דער דאָזיקער אויפֿרוף — פֿון איין זיַיט ייִדיש און פֿון דער צווייטער זיַיט פּויליש — איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין לאָנדאָן, אָבער פֿאַרשפּרייט איז ער קיין מאָל נישט געווען, וויַיל „דער גרענעץ" האָט אים צוגעשטעלט קיין וואַרשע מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג — שוין נאָך דעם ערשטן מאַי. מען קען אים געפֿינען איצט אין די וואַרשעווער אַרכיוון.

פּונקט ווי דער אויפֿרוף פֿון 1895, איז אויך דער געשריבן, ווי אַ ווענדונג פֿון פּוילישע אַרבעטער צו ייִדישע. ס'ווערט אויפֿגעקלערט די באַדיַיטונג פֿון ערשטן מאַי אַלס קאַמף-יום-טובֿ פֿון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט; ס'ווערט אָנגעוויזן אויף די ספּעציעלע רדיפֿות, וואָס די **ייִדישע** אַרבעטער האָבן אויסצושטיין „פֿון יעדען פּאָלי-ציאַנט און פּראָסטען פּאָניע"; ס'ווערט געוואָרפֿן דער לאָזונג, אַז „בייא דיא ארבייטער דארף ניט הערשען קיין ראסען האסס, דען עס איסט נישט קיין אונטערשיעד צווישען די ארבייטער פֿון פֿערשיעדענע נאציאנען" און ס'ווערן אַרויסגעשטעלט צוויי הויפּט-פֿאָדערונגען: „1) איין 8 **שטונדען** ארבייטס טאג. 2) העכערע **שכירות** פֿיר אונזערע **עהרליכע פּראצע**".

אויסער דער אונטערשריפֿט („אכטונגספֿאל! דאס צענטראלע ארבייטער קאמיטע דער פּאלנישען סאציאליסטישען פּאַרטייא"), האָט דער אויפֿרוף נאָר אין לעצטן אָפּ־אָץ־

און דאָס אויך פֿאַרבײַגייענדיק און נעפּלדיק — געבראַכט צום אויסדרוק דאָס ספּעציפֿיש פּפּ״סישע: „ווען אלע סארטען רויבערייא אונד טיראנאי—לייענען מיר דאָרט — וועלין פערניכטעט ווערין פֿון אונזער פּערײַניגטע מאכט, ווא עס וועלין מער ניט זיין קיין מענשליכע פּיאווקעס וואס זאלען זייגען דעם ארבייטערס בלוט, אין [און] קיין רוסישע רעגירונג וואס דריקט און שטיקט אייך, אונד אונז אלעמען, עס וועט נור זיין אלגעמיינעס פרייעס ארבייטער פאלק!״[6]

נאָכן ערשטן מאַי 1897 איז די פֿאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע פֿון די וואַרשעווער ייִדישע סאָציאַליסטן צוריק געוואָרן אויפֿגעריסן — די געוועזענע מיטגלידער פֿון דער פּפּ״ס זענען צוריק אַוועק צו זייער מוטער־פּאַרטיי. קיין שטאַרקע ווירקונג אויף דער אויפֿגעוואַכטער באַוועגונג האָט עס אָבער נישט געהאַט. די כוואַליע פֿון עקאָנאָמישע שטרײַקן, וואָס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך דער אַרבעט פֿון פֿאַראייניקטן „ייִדישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן״,* האָט פֿון דעם נישט געליטן. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט אויפֿגערודערט וואַרשע מיט ווילנער ליטעראַטור און מיט אייניקע אויפֿרופֿן. דאָס האָט געווירקט אויך אויף דער רעאָרגאַניזירטער ייִדישער גרופּע פֿון פּפּ״ס, וועלכע האָט אויך גענומען אָרגאַניזירן שטרײַקן און — כּדי נישט אָפּצושטיין פֿון „אַרבעטער־בונד״ — האָט זי אַפֿילו אַרויסגעגעבן במשך פֿון דעם יאָר 1897 צוויי שטרײַקאויפֿרופֿן: אין יולי—צו די קאָמאַשן־מאַכערס און אין סעפּטעמבער—צו אַלע פֿאַכן, וואָס האָבן במשך פֿון זומער געשטרײַקט.

די דאָזיקע 2 אויפֿרופֿן (העקטאָגראַפֿירט)[7] האָבן דערשײַנט אין עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן יעדערער. אויף איינעם געפֿינט זיך די אונטערשריפֿט „דער וואַרשעווער אַרבייטערקאָמיטעט פּ.פּ.ס., וואַרשע, יולי 1897״ און אויפֿן צווייטן – „דער וואַרשעווער אַרבייטער קאָמיטעט, וואַרשע סעפּטעמבער״. דאָס זענען ריין עקאָנאָמישע אויפֿרופֿן, וועלכע ענדיקן זיך בלויז מיט אַ שוואַכער אָנצוהערעניש אויפֿן אַלגעמיין סאָציאַליסטישן קאַמף. אין יולי־אויפֿרוף שטייט: „איר זאָללט אײַך אין גאַנצען אַמאָל באַפֿרײַען פֿון פֿאַבריקאַנטס האַנד און זײַן שווערן יאָך״. אַ ביסל — אָבער טאַקע נאָר אַ ביסל — דײַטלעכער ווערט עס געזאָגט אין צווייטן אויפֿרוף: „אַלזאָ ברידער פֿאָרווערטס! געדענקט אין דעם הויפּטציל פֿין אינזער שטרייט ווענען דער פֿאָלקמערבאַפֿרײַאונג [פֿאָלקאָמער

6 זע דעם פֿולן טעקסט אין דער הוספֿה.

* ניט צונויפֿמישן מיטן שפּעטער געגרינדעטן „בונד״.

7 די „ניעפּאָדלעגלאָשטש״ (אויסגאַבע פֿון אינסטיטוט צו פֿאָרשן די נײַסטע געשיכטע פֿון פּוילן, באַנד 7, העפֿט 3 (17), 1933, ז׳ 345) באַגייט אַ טעות שרײַבנדיק, אַז דער אויפֿרוף צו די קאַמאַשן־מאַכערס איז דער ערשטער ייִדישער אויפֿרוף פֿון פּפּ״ס, וואָס איז געווען געדרוקט אין לאַנד, אין דער דרוקערײַ פֿון אומלעגאַלן „ראָבאָטניק״. דער דאָזיקער אויפֿרוף איז, ווי געזאָגט, גאָר געווען העקטאָגראַפֿירט. די דרוקערײַ פֿון „ראָבאָטניק״ האָט באַקומען ייִדישן שריפֿט ערשט אין יאָר 1898. אין אַרכיוו פֿון פּפּ״ס איז אויפֿגעהיט געוואָרן דער מאַנוסקריפּט פֿון אַ גראָדנער ייִדישן אויפֿרוף פֿון סוף 1899 וועגן דעמאָלטיקן שטרײַק אין שערעשעווסקיס טאַבאַק־פֿאַבריק; איבער יעדן ייִדישן אות פֿון מאַנוסקריפּט געפֿינט זיך אַ לאַטײַנישער אות, כּדי דער פּאָלאַק, דער זעצער פֿון דער אומלעגאַלער פּפּ״סישער דרוקערײַ, זאָל וויסן וואָסער אות אַרויס־צונעמען פֿון קאַסטן. אין דערמאָנטן אַרכיוו געפֿינט זיך אויך אַ רוסישער טעקסט פֿון דאָזיקן אויפֿרוף. פֿון די דאַטעס פֿון ביידע דאָקומענטן איז צו זען, אַז דער ייִדישער טעקסט איז איבערגעזעצט פֿון רוסיש (אויפֿן רוסישן איז די דאַטע „סענטיאַבר 1899״, אויפֿן ייִדישן—„אין אָקטיאַבר 1899״). דער שטרײַק איז געווען אין 1899 און נישט אין 1898, ווי ס׳גיט אָן דער פֿירער פֿון דער אַמאָליקער גראָדנער פּפּ״ס מנחם ווײַנער אין דער „ניעפּאָדלעגלאָשטש״ (ב׳ 9, העפֿט 2 (22), 1934).

אגבֿ: פּפּ״ס, וואָס האָט אַזוי געקעמפֿט קעגן „רוסיפֿיקאַטאָרישן״ „בונד״, האָט אַליין אָנגעהויבן קלערן וועגן אַרויסגעבן רוסישע אויפֿרופֿן פֿאַר אירע ייִדישע אָנהענגער אין ווילנער געגנט. אין 1903 האָבן די פּפּ״סישע פּאַרטיי־אינסטאַנציעס אַפֿילו וועגן דעם גאַנץ הייס דעבאַטירט. אָבער דאָס איז אַ טעמע פֿאַר זיך.

באַפֿרײַאונג] פֿון דער אַרבייטער קלאַססע, ציוועלכען עס שטרעבט בייא אונז העלדיש אונד מיט ליבע צו אונז דיא פּוילנישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי".

מיר שטעלן זיך אויספֿירלעכער אָפּ אויפֿן טאָן און אינהאַלט פֿון די ביידע אויפֿרופֿן, ווײַל דאָס כאַראַקטעריזירט צום בעסטן, אויף וויפֿל עס האָט ניט געהאַט קיין גרונד די דעמאָלטיקע פּפּ"סישע טענה, אַז די נישט־פּפּ"סישע ייִדישע סאָציאַליסטישע גרופּעס און שפּעטער דער „בונד" האָבן נעגירט דעם פּאָליטישן קאַמף און די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט געלייגט נאָר אויף דעם „עקאָנאָמיזם", בעת די פּפּ"ס האָט עס געטאָן פֿאַרקערט.

אין די ייִדישע אויסגאַבעס פֿון דער פּפּ"ס קומט ווינציק צום אויסדרוק דער אינטערעס צו די ייִדישע מאַסן, ווי אַזעלכע. די פֿירער פֿון דער פּפּ"ס האָבן ווייניק געקלערט וועגן די ייִדישע אַרבעטער ווי אַ טייל פֿונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס דאַרף אָרגאַניזירט ווערן אונטער סאָציאַליסטישע פֿענער; מער פֿון אַלץ האָט זיי אינטערעסירט וואָסער ראָלע די ייִדן שפּילן אינעם קאַמף פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן.

שוין דער ערשטער באַשלוס פֿון פּפּ"ס וועגן דער ייִדן־פֿראַגע זאָגט עדות וועגן דעם. אין 1892 האָט דער צוזאַמענפֿאָר פֿון אויסלענדישן פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע סאָציאַליסטן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַריז, אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן אַרויסטרעטן „מיט אַן אויפֿרוף צו די רוסיש־ייִדישע קרײַזלעך אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד, אויפֿווײַזנדיק זיי זייער רוסיפֿיקאַטאָרישע טעטיקייט, וועלכע איז אין סתירה צו די פּאָליטישע באַפֿרײַונגס־אינטערעסן פֿון ליטע און ווײַסרוסלאַנד, ווי אויך צו די פֿרײַהייט־אינטערעסן פֿון רוסלאַנד". אָנגעהויבן פֿון דעם דאָזיקן באַשלוס און פֿון ערשטן פּפּ"סישן אויפֿרוף „צו די חבֿרים סאָציאַליסטן ייִדן" פֿון 1893 (פּויליש; פֿאַרפֿאַסט פֿון פּילסודסקין)[8] ביז די טעאָרעטישע אַרטיקלען פֿון די פֿירער פֿון פּפּ"ס אין אויסלענדישן „פּשעדסוויט" (פּילסודסקיס אַרטיקלען אין אַפּריל 1893 און סעפּטעמבער 1894, די אַרטיקלען פֿון יאָדקאָ־נאַרקעוויטש, וואַשילעווסקי אאַז"וו) – ציט זיך דורך זיי אַלע ווי אַ רויטער פֿאָדעם דער געדאַנק: די ייִדישע מאַסן פּאַראַליזירן אונדזער קאַמף פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט, און דאָס טאָר נישט דערלאָזט ווערן; אויב זיי גייען נישט מיט אונדז, לאָמיר זיי לכל־הפּחות באַוועגן צו בלײַבן נייטראַל. ערשט שפּעטער האָבן די פֿירער פֿון פּפּ"ס אין זייערע אַרויסטרעטונגען (יאָדקאָ–א. וואָראָנסקי–אין „שוויאַטלאָ" אין 1899, פּילסודסקי אין „וואַלקאַ" אין 1903) געפּרוּווט ענדערן זייער שפּראַך און אײַנשטעלונג און שאַפֿן דעם אײַנדרוק, אַז זיי גייט קודם־כּל אין די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער־מאַסן ווי אַזעלכע, אויך פֿון די ייִדישע. יצחק פּסחזאָן איז פֿולקום גערעכט, ווען ער קריטיקירט די פּפּ"ס דערפֿאַר, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן פּויליש געשריבענע (העקטאָגראַפֿירטע) אויפֿרופֿן צו די ייִדישע אַרבעטער, וועלכע האָבן אַפֿילו ייִדיש געלייענט זייער שוואַך [9]: עס האַנדלט זיך וועגן פּוילישן אויפֿרוף פֿון פּפּ"ס צו די ייִדישע בעקער־אַרבעטער אין 1897, אַז זיי זאָלן אויפֿסנײַ פֿאַרשטרײַקן, כּדי אונטערצושטיצן זייערע פּוילישע חבֿרים, כאָטש די ייִדישע אַרבעטער האָבן ערשט מיט 2—3 טעג צוריק געשטרײַקט. אין תּוך אָבער איז די פּפּ"ס אין דעם פֿאַל געווען גערעכט, און די ייִדישע אַרבעטער זײַנען געווען שולדיק דערין, וואָס דער שטרײַק האָט נישט אויסגעבראָכן גלײַכצײַטיק.[10]

---

8 די איבערזעצונג אין ייִדיש פֿון דעם אויפֿרוף זע אין מײַן בוך „יוזעף פּילסודסקי, זײַן באַציִונג צו דער ייִדן־פֿראַגע און זײַן קאַמף קעגן „בונד"", וואַרשע 1936, ז' 260 א"וו (אויך די פֿאָטאָג' פֿון אָריגינאַל).

9 ז"ב „25 יאָר", וואַרשע 1922.

10 דער דאָזיקער אויפֿרוף פֿון פּפּ"ס צו די ייִדישע בעקער־אַרבעטער (דאַטירט דעם 1טן אויגוסט 1897) הייבט זיך אָן אַזוי: „חבֿרים! איר האָט געשטרײַקט פֿאַר אײַערע רעכט מיט אַ גוטן רעזולטאַט שבת, זונטאָג און מאָנטאָג דעם 24, 25 און 26 ד"ח. אײַער זיג האָט צוגעגעבן אײַך און דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס

## II

די גרינדונג פֿון „בונד״ איז געווען פֿאַר דער פּפּ״ס אַן איבערבראָך־מאָמענט. די פּפּ״ס הייבט אָן אַ ביסל מער צו אינטערעסירן זיך מיט דער ייִדישע מאַסע און כּדי אָפּצוציִען די ייִדישע אַרבעטער פֿון דעם „בונד״, דרוקט זי אָפּ אין דעם אומלעגאַלן „ראָבאָטניק״ אַ דעמאָנסטראַטיווע באַגריסונג צו די ייִדישע אַרבעטער, וואָס „שטעלן זיך אַלץ צאָלרײַכער צום קאַמף פֿאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען״ („ראָבאָטניק״ פֿון 1טן אָקטאָבער 1897). די דאָזיקע באַגריסונג, וועלכע איז אייגנטלעך געווענדט צו די ייִדישע פּפּ״סניקעס, וואָס זענען אַוועק פֿון „ייִדישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן״ און צוריקגעקומען צו דער פּפּ״ס, שטרײַכט אונטער, אַז „די ייִדישע חבֿרים האָבן ווי געהעריק פֿאַרשטאַנען די געמיינזאַמקייט פֿון זייער אַרבעט מיטן קאַמף פֿון די קריסטלעכע אַרבעטער און הײַנט שטייען זיי שוין צוזאַמען מיט אונדז אין איין און די זעלבע פּאַרטיי־רייען״ (דאָרט).

נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער וואַרעמער באַגריסונג, ווערט נאָך אַלץ ווייניק וואָס געטאָן, כּדי צו באַפֿרידיקן די פֿאַרלאַנגען פֿון דער ייִדישער גרופּע פֿון דער פּאַרטיי. אין משך פֿון 1898 גיט פּפּ״ס אַרויס סך־הכּל 1936 אויפֿרוף־עקזעמפּלאַרן אין ייִדיש; דער ערשטער נומער פֿון דעם ייִדישן אָרגאַן פֿון פּפּ״ס, „דער אַרבייטער״,[11] באַווײַזט זיך ערשט אויף דער שוועל פֿון 1899—העכער אַ יאָר נאָך דעם, ווי דער פֿערטער צוזאַמענפֿאָר פֿון פּפּ״ס באַשליסט אים אַרויסצוגעבן.

דער ערשטער נומער „אַרבייטער״ דערשײַנט אין דעצעמבער 1898 אין לאָנדאָן, פֿונוואַנען מען ברענגט אים אַרײַן אומלעגאַל קיין פּוילן. דאָס אונטערקעפּל הייסט: „אָרגאַן פֿון דיא פּוילנישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייא״, און איבערן קאָפּ—מיט אַ פֿעטער שריפֿט: „גענאָססען פֿערברייטעט אינזער בלאַט. פּראָלעטאַריער אַללער לענדער פֿעראייניגט אייך.״

דאָס ערשטע זײַטל פֿון דאָזיקן קליינעם העפֿטל, וואָס האַלט סך־הכּל 18 זײַטלעך, איז פֿאַרנומען מיט אַן אויפֿרוף אין ייִדיש און פּויליש. מיר לייענען דאָרט:

„ערפילענדיג דיא רעזאלוציאן פון דעם לעצטען צוזאמענפאהר פון אונזערע פּאר־טייא טרעטען מיר יעצט צו צום הערויסגעבען איין בעשטענדיגעס בלאט, בעשטימט ספּעציעל פיר דעם יודישען פּראלעטאריאט [פּראלעטאריאט].

„דיא יודישע אונד קריסטליכע ארבייטער, קינדער פון איין לאנד, אין איין קייט פון שקלאפעריי געשמידט, אונטער דיא לאסט פון איין אונד דעם זעלבען יאך, וואַרן לאנג געט־ענט איינע פון דיא אנדערע. עס האט זייא געטהיילט איין דיקע מאאער [מויער] פון פאנאטיזם אונד פיינטשאפט, איין מאאער געבויעט דורך פיל יאהרהונדערטע פון פינסטער־ניס אונד פערפאלגונג. דיזען מאנגעל פון איינהייט בענוטצען דיא שונאים פון דעם פּראלעטאריאט—דיא צארישע רעגירונג אונד דיא אויסבייטער דיא קאפּיטאליסטען. דיא

---

מוט צום קאַמף מיט דע־ עקסיסטירנדיקער אויסנוצונג און קנעכטשאַפֿט. אָבער אַז ברעכט אויס אין עטלעכע טעג אַרום נאָך אַמע־ שטרײַק אַן אַלגעמײַנע־ שטרײַק פֿון די קריסטלעכע בעקער, און אין גאַנץ וואַרשע וואַלט אין גאַנצן געפֿעלט געבעקס, ווען נישט די בעקערײַען פֿון אַרום און אַמערע בעקערײַען, וועלכע שטעלן צו ברויט און זעמל אין אַ גרעסערער צאָל ווי תּמיד״.

דערנאָך קומט אַ ווענדונג, אַז די ייִדישע אַרבעטער זאָלן אויפֿסטנע פֿאַרשטרײַקן, כּדי אונטערצושטיצן זייערע פּוילישע חבֿרים. דער אויפֿרוף ענדיקט זיך מיט אַ ריי אויסרופֿן קעגן פֿאָראורטיילן, קעגן ראַסנהאַס אאַז״וו.

11 פֿונוואַנען נעמט ד״ר אַריה טאַרטאַקאָווער, אַז פּפּ״ס האָט אַמאָל אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „ייִדישער אַרבעטער״? (זע דעם פּוילישן לוקסוס־אַלמאַנאַך „ייִדן אין אויפֿגעלעבטן פּוילן״, 1, ז׳ 532) — אַן אומפּעריאָדישן זשורנאַל אונטער דער נאָמען האָט אַרויסגעגעבן דער אויסלענדישער קאָמיטעט פֿון „בונד״ פֿון 1896 ביז 1904.

אויפגאבע פון דעם „ארבייטער" ווירד זיין צו טראגען דעם פאבעל [פאקעל] פון דעם קלאססען-בעוואוסטזיין צווישען דיא יודישע ארבייטער, וועקען זייא צוא איין ענערגישען קאמפף געגען דער עקספלאאטאציע פון דיא פאבריקאנטען אונד דיא בעדריקונג דער טיראנישער רעגירונג. זיין אויפגאבע וועט אויך זיין צערשטירמען דיא שטערונגען וואס טרענען אף דיביידע טהיילע פון דעם פראלעטאריאט אין אונזערען לאנד, איינפרעגען אין דיא אידישע גענאססען דיא איבערצייגונג פון דער נויטוועדיגקייט איין געמיינזאמען קאמפף האנד אין האנד מיט די קריסטליכע גענאססען פיר פרייהייט אונד גליק פיר'ן ארבייטס פאלק, אהנע אונטערשיעד פון רעליגיאן אונד גלויבען. פעראייניגט מיט איין אונצערטרייסבארען קניפל פון געמיינזאמע שטרעבונגען אונד געמיינזאמער ארגאניזאציע. בעלעבט מיט איין געדאנק איבער די בעפרייאונג פון דער ארבייטער קלאססע פון שקלאפערייא וועלען מיר בעשאפען אזוי איין קראפט, געגען וועלכע קיין פיינד וועט ניט בעשטיין".

דער אויפֿרוף איז דאַטירט „וואַרשאַוו, אין נאָוועמבער 1898" און אונטערגעשריבן: „דער צענטראַל אַרבייטער קאָמיטעט פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטייא". דער מחבר פֿון דאָזיקן אויפֿרוף איז געווען דער דעמאָלטיקער טוער פֿון דער פּפּ"ס (הײַנט — אַ קאָמוניסט) מאַקסימיליאַן האָרוויץ (וואַלעצקי), וועלכער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פֿונעם ערשטן נומער „אַרבייטער" (די ווײַטערדיקע נומערן האָט רעדאַקטירט לעאָן וואַסילעווסקי און נאָך אים פֿעליקס יאַקס).

אַ דריטל נומער (העכער 5 זײַטלעך) איז אויסגעפֿילט מיט אַ פּאָליטישן אַרטיקל „דיא צארישע רעגירונג אונד דיא ארבייטער", וועלכער ענדיקט זיך מיטן אויספֿיר, אַז „איינינג מיט דעם געדאנק פֿון דיא שטרעבונג, מוז דער פראלעטאריאט דער פוילנישער וויא דער אידישער וועלכער וואוינט אין פוילען, שטרעבען געהענדיג האנד אין האנד אויף דעם וועג מיט דעם בעוואוסטזייענדען פראלעטאריאט פֿון אנדערע טהיילען רוסלאנד, צו איין אונאבהענגיגע דעמאקראטישע רעפובליק אין פוילען". ווי מיר לייענען אַ ביסל העכער אין דאָזיקן אַרטיקל, דאַרף צוליב דעם געשטעלט ווערן „דיא פֿאדערונג אבצוטיילען פוילען פֿון רוסלאַנד".

אין דער צווייטער העלפֿט פֿונעם נומער גייען קאָרעספּאָנדענציעס פֿון דער וואַרשעווער לאָמפּן-פֿאַבריק איילשטיין („אידען אונגעפֿעהר פֿאַן 80 ביז 90 פֿרויען און מענער, קריסטען פֿון 50 ביז 60 פֿרויען און מענער"), פֿון פֿליישערס „בלימענפֿאבריק אויף דיא מעד גאַסס נר. 19", פֿון די וואַרשעווער פֿאַכן קנעפּמאַכערס, מעש-אַרבעטער און נייטערינס און פֿון ביאַליסטאָקער לוינוועבערס.

ווײַטער גייט אַ ריי פּאָליטישע נאָטיצן (נאָר איינע פֿון זיי — וועגן ציוניזם — האָט אַ שײַכות צום ייִדישן לעבן) און צוויי קאָרעספּאָנדענציעס פֿון ביאַליסטאָק און גראָדנע, וואָס גייען ווי אַ באַזונדער בײַלאַגע אויף די לעצטע 2 זײַטלעך.

פֿון ערשטן ביזן צווייטן נומער „ארבייטער" איז אַריבער צוויי יאָר צײַט — דער צווייטער נומער איז אַרויס ערשט אין דעצעמבער 1900. דער פֿאָרמאַט איז דער זעלביקער, וואָס פֿון ערשטן נומער, נאָר די צאָל זײַטלעך — אַ ביסל גרעסער (20). אויף דער ערשטער זײַט פֿונעם העפֿטל געפֿינען מיר אַזאַ קורצע דערקלערונג וועגן דעם, פֿאַר וואָס די צײַטונג האָט אַזוי לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן:

„צווייא יאהר זיינען שוין אוועק פון דער צייט, ווען מיר האבען ארויסגעגעבען דעם ערשטען נומער „ארבייטער". אונזער באוועגונג צווישין דעם יודישן פראלעטאריאט אין פוילען וואקסט וואס אמאל גרעסער און גלייך מיט איהר איז אויסגעוואקסען דיא בעדירפניססע פון זשארגאנישע אויסגאבען. דאך דורך פערשיעדענע אורזאכען גיעבען מיר ערשט היינט דעם צווייטען נומער פון אונזער ארגאן. מיר שטעהן היינט זאגלייך אין טעכנישע וויא אין ליטעראַרישע קרעפטען פיעל בעסער, וויא פאר צווייא יאהר. מיר

האבען, אלזא די האפנונג ארויסצוגעבען יעצט דעם „ארבייטער״ רעגעלמעסיג. נור אום צופערדווירקליכען דיעזע האפנונג איז נויטווענדיק א ענערגישע אונטערשטיצונג פון אונזערע גענאססען. אלזא מיר רופען אייך, גענאססען, אונטערשטיצט און פערברייטערט דעם „א ר ב יי ט ע ר״.

און באמת, סײַ די דאָזיקע אויפֿקלערונג, אונטער וועלכער ס׳איז אונטערגעשריבן „די רעדאקציאָן״, און סײַ דער גאַנצער צווייטער נומער איז שוין געשריבן אַ ביסל רייַנער ווי דער פֿריערדיקער נומער. אויך דער לייטאַרטיקל איז געשריבן אויף אַ יִדישער טעמע („דיא פאליטיק פֿון דער רוססישער רעגירונג וועגען יודין״). 14 זײַטן פֿון די 20 זײַנען פֿאַרנומען מיט קאָרעספּאָנדענציעס פֿון וואַרשע, ביאַליסטאָק, קרינעק, גראָדנע און לאָדזש. צום סוף פֿון נומער געפֿינען מיר נאָך אַ ליד „דער רעוואלוציאניסט״ (פֿריי איבערזעצט פֿון פּויליש), אַ פּאָר פּאָליטישע נאָטיצן, אַ קורצן באַריכט פֿון אַ פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּפּ״ס, אַ נאָטיץ וועגן די ציוניסטן און אַ נעקראָלאָג נאָכן פֿאַרשטאָרבענעם ווילהעלם ליבקנעכטן.

וואָס שייך יִדישע א וי פֿ ר ו פֿ ן, זענען אין אַרכיוו פֿון פּפּ״ס פֿאַראַן פֿאַרן יאָר 1898 נאָר צוויי: אַ מאַי-אויפֿרוף פֿון וואַרשעווער קאָמיטעט און פֿון ביאַליסטאָקער קאָמי־טעט פֿון פּפּ״ס; דער אינהאַלט פֿוןביידע פּראָקלאַמאַציעס איז איין און דער זעלביקער[12]. די דאָזיקע אויפֿרופֿן זענען שוין געדרוקט געוועזן אין ל אַ נ ד – אין דער ווילנער פּפּ״סישער אומלעגאַלער דרוקערײַ, וועלכן ס׳האָבן דעמאָלט אָנגעפֿירט י ו ז ע ף פּ י ל ס ו ד ס ק י און סט. וו אָ י ט ש ע כ אָ ו ס ק י.

להיפך צום מאַי-אויפֿרוף פֿון יאָר 1897, איז די פּראָקלאַמאַציע פֿון יאָר 1898 שוין ניט רעדאַקטירט, ווי אַ ווענדונג פֿון דער פּוילישער אַרבעטער צו די יִדישע, נאָר ווי אַ רוף פֿון דער פּאַרטיי צו די יִדישע אַרבעטער. וועגן דער לאַגע פֿון די יִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס דער ניט פֿאַרשפּרייטער אויפֿרוף פֿון 1897 האָט גערעדט וועגן דעם אויספֿירלעך, איז דאָ קיין וואָרט נישט געזאָגט. ס׳ווערט אויך אין גאַנצן פֿאַרשוויגן—ווי אין אַלע פֿריער ציטירטע פּראָקלאַמאַציעס – דער פּפּ״סישער לאָזונג וועגן אומאָפּהענגיקייט. ערשט דער ערשטער נומער „אַרבייטער״ און דער מאַי-אויפֿרוף 1899 אַנטהאַלטן דעם לאָזונג וועגן אַן אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה. אין דעם לעצטן אויפֿרוף לייענען מיר: „אויף דעם אָרט פֿון דער פֿרעמדער צאַרישער רעגירונג ווילען מיר בעגרינדען ציזאַמען מיט אונזערע קריסטליכע ברידער אַ פֿרייע אומאָפּהענגיקע אַרבייטער רעפּובליק אין פּוילען״.

אין די פּפּ״סישע באַריכטן פֿון יענע יאָרן איז אָנגעגעבן, אַז פֿון 1895 ביז 1899 האָט די פּפּ״ס אַרויסגעגעבן 6366 עקזעמפּלאַרן פֿון יִדישע אויפֿרופֿן (אַנדערע מקורים גיבן אָן, אַז בלויז אין די צוויי יאָר 1898—1899 זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 5250 עקזעמפּלאַרן.)[13] אויסער דעם האָבן די פּפּ״סישע פֿרײַנד אין אַמעריקע, מיט ש. ב. פֿ יי ג נ ב ו י מ ע ן בראש, איבערגעשיקט קיין פּוילן פֿאַרשיידענע יִדישע אַגיטאַציע-בראָשורן אין אַ צאָל פֿון 6066 עקזעמפּלאַרן. אויך וועגן ערשטן נומער „אַרבייטער״ זענען פֿאַראַן סתּירותדיקע ידיעות: אין איין אָרט גיט מען אָן, אַז די אויפֿלאַגע האָט באַטראָפֿן 5000 עקזעמפּלאַרן, אין אַ צווייטן – אַז נאָר 1500. עס זעט אויס, אַז ריכטיק

---

12 זע אין דער הוספה.

13 אין פּויליש האָט פּפּ״ס אַרויסגעגעבן אויפֿרופֿן: אין יאָר 1893—5, אין יאָר 1894—8, אין יאָר 1895—7, אין יאָר 1896—15 (צווישן זיי איין פּויליש-דײַטשן), אין 1897—16 (צווישן זיי פֿיל העקטאָגראַ-פֿירטע), אין 1898—18, אין 1899—36. חוץ דעם האָט נאָך פּפּ״ס אַרויסגעגעבן, אָנגעהויבן פֿון יאָר 1897, מאַי-אויפֿרופֿן אין לעטיש, דײַטש און רוסיש פֿאַר אַ גרופּע אירע סימפּאַטיקער אין ריגע. מעגלעך, אַז די דאָזיקע סטאַטיסטיק איז נישט קיין פֿולע, אָבער דער אונטערשייד קען זײַן נאָר אין איין אָדער העכסטנס צוויי אויפֿרופֿן יערלעך.

איז די צווייטע ציפֿער. אַ באַשטעטיקונג פֿון דעם געפֿינען מיר אין דער אַלטער פּפּ״סישער באַריכט־בראָשור פֿון 1900 „די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין די לעצטע 5 יאָר.״ דאָרט ווערט דערציילט, אַז דער ערשטער נומער „אַרבייטער״ איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין 600 עקזעמפּלאַרן.

מיט אַ מאַסן־ליטעראַטור אין יידיש האָט די פּפּ״ס זיך געקענט באַרימען ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

---

אויסער די מאַטעריאַלן פֿון וואַרשעווער אַרכיוו פֿון פּפּ״ס און פֿון וואַרשעווער „מוזעום ספּאָלעטשנע״, זיינען פֿאַר דער דאָזיקער אַרבעט אויסגענוצט געוואָרן די ווייטערדיקע מקורים:

1. פֿעליקס פּערל: Dzieje ruchu socjalistycznego w zaborze rosyjskim Warszawa, 1932.
2. „דער יידישער אַרבייטער״, זשענעווע, נר׳ 10, ר׳ 1900 א״אַ.
3. „25 יאָר״, זאַמלבוך, וואַרשע 1922.
4. נ. א. בוכבינדער: „די געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד״, ווילנע 1931.
5. „Niepodległość“, tom VIII, zeszyt 3 (17), 1933.
6. זשאַננאַ קאָרמאַן: Materjały do bibljografji druków socjalistycznych na ziemiach polskich w latach 1866—1918, Warszawa, 1935.
7. פּ. שוואַרץ: יוזעף פּילסודסקי, זיין באַציִונג צו דער יידן־פֿראַגע און זיין קאַמף קעגן „בונד״. וואַרשע 1936.

---

# הוספֿות

חוץ דעם מאַי־אויפֿרוף פֿון 1895, וואָס ווערט געבראַכט פֿול אין טעקסט פֿון אַרטיקל, גיבן מיר דאָ נאָך איינציקע יידישע אויפֿרופֿן פֿון פּפּ״ס, וואָס זיינען שייך צו די יאָרן 1897–1898.[1]

## מאַי־אויפֿרוף פֿון 1897

„ברידער!

דער ערשטער מאיי קומט שוין ווידער אן. אין דער גאנצער וועלט, אין דייטשלאנד, פראנקרייך, ענגלאנד אונד אין אמעריקא, איבעראל ווא עס קלאפט נור א הארץ פון דיא ארביי־טער, איבעראלל ווא עס געפינט זיך נור קאפיטאליסטען אונד ארבייטער, רייך אונד ארעם, וועלען דאס ארבייטער־פאלק אין דיזען טאג אבשטעללען דיא פאבריקען און ווארשטאטען, און קיין ארבייט ווערט אן דיזעם טאג געמאכט ווערן, אום צו צייגען דיא קאפיטאליסטען און דיא רעגירונג דאס אלע ארבייטער האבען געמאכט יד אחת און פערלאנגען א בעסערע צוקונפט.

אין דיזען טאג וועלין אויך מיר דיא פוילישע ארבייטער ניט אבשטעהן פון דיא ארביי־טער פון דער גאנצער וועלט, און מיר וועלין אויך דיזעם יאהר דעם ערשטען מאיי האלטען פאר איום טוב אזוי וואי מיר האבין עס גיהאלטען אין דיא פערגאנגענע יאהרען.

אונד איהר אידישע ארבייטער, וואס איהר זייט אונזערע ליידענס גענאסען, ווייל מיר ליידען צוזאמען פון איין אונגליק, דארפט מיט אונז צוזאמען האלטען אונד איהר דארפט

---

[1] ווער זיינען געווען די מחברים פֿון די אויפֿרופֿן, איז שווער פֿעסטצושטעלן (וועגן דעם ראַלטן אונדז געקענט דערציילן דער איצטיקער טוער פֿון „קאָמאַינטערן״ האָרוויץ־וואַלעצקי און אפֿשר דאַגענפּיש, וואָס לעבט אין אַמעריקע, אָדער מאַנטלאַק, אַ געוו׳ שלאָסער, געלעבט לאַנג אין אַמעריקע). די מאַי־אויפֿרופֿן זיינען ס׳רוב געווען געשריבן אין אויסלאַנד, אָפּטמאָל — אין פּויליש; די שטרייק־אויפֿרופֿן זיינען געווען געשריבן פֿון אַרבעטער. — פּ. ש.

ציינען אין דעם ערשטען מאיי (19טען אפריל נאך דעם רוסישען חשבון) דאס איהר האט שוין גענוג געליטען נויט, דאס אייערע פאמיליען האבען שוין גענוג געהונגערט, דאס איהר האט שוין גענוג, אונד צופיעל, דאס אונגערעכטע געזעטצע, אונטערדריקונג, אונד באליידיגונג, דאס איהר ווילט ניט מעהר זאלכע ארדנונג!

ווער איז נאך זא אויסגעמאגערט אונד אבגעריססען וויא דער אידישע ארבייטער? ווער ווערט דען זאפיעל בעליידיגט פון יעדען פאליצאנט און פראסטען פאניע וואי דער אידישע ארבייטער?

עקזיסטירט דען אין דער גאנצער וועלט א מין שקלאפעריי וואס עס זאל זיך קענען פערגלייכען מיט אייערע? געוויס ניט!

עס מוז דארום א ענדע נעמען צו דיא צרות, אלעס מוז זיך איבערבייטען צום גוטען, ווייל דאס ארבייטענדע פאלק אין אונזער לאנד פאנגט שוין אן צו פערשטעהן זייער קראפט און זיא מאכען אלע יד אחת צו קעמפען געגען זייער אלעמענס שונה דיא רייכע רויבער דיא פאברי-קאנטען. האטש מיר זיינען דיא מאססען, דאך ווארען מיר ביז יעצט שוואך געגען אונזערע שונאים וואס זיינען נור א קליין הייפעלע מענשען, ווייל מיר וואָרען ניט פאראייניגט. דיא רייכע האבען זיך בענוצט מיט אונזער אונוויסענהייט אונד האבען אונז אויפגעהעצט איינעם געגען צווייטען, כדי זייא זאלען אונז מעהר בעהערשען און בערויבען, יעצט אבער האבען מיר שוין שכל מיר האבען זיך פעראייניגט אונד פעראייניגונג איז מאכט!

בייא דיא ארבייטער דארף ניט הערשען קיין ראססען האסס, דען עס איסט נישט קיין אונטערשיעד צווישען די ארבייטער פון פערשיעדענע נאציאנען. אלע ארבייטער פון פערשיעדענע נאציאנען, אלע ארבייטער ווערען גלייך בערויבט, אלע ארבייטער ליידען איין צרה דעם קאפי-טאליזמוס אונד רעגירונג.

דארום ברידער פאדערין מיר פון אייך דאס איהר זאלט זיך מיט אונז פעראייניגען איהר זאלט ניט ארבייטען אן דעם ערשטען מאיי (19 טען אפריל, רוסישער) זאל אן דיזען טאג אלע פאבריקען בלייבען פוסט, אונד די ווארשטאטען שטיל. זאללען דיא פאבריקאנטען זעהן וואס עס ערווארטעט זייא אויב זייא וועלען אונז ניט נאך געבען אונזערע וויכטיקע פאדערונגען.

מיר פערלאנגען פאלגענדעס:

1. איין 8 שטונדען ארבייטס טאג.

2. העכערע שכירות פיר אונזערע עהרליכע פראצע.

זאל דיא רעגירונג איינזעהן דאס אונזער שקלאפען געדולד האט ענדליך איין ענדע גענומען אונד דאס מיר וועלען זיך ניט מעהר לאזען זא שלעכט בעהאנדלען.

קיינער פון אייך דארף פון דיזען הייליגען ציעל ניט אבצושטעהן, קיינער דארף אין דעם ערשטען מאיי ניט צו ארבייטען אונד אויב איר אידישע ארבייטער ארבייט זא ווי זא ניט אן דיזען טאג צוליב שבת, דאן קומט זיך צוזאמען מיט מעהרערע ארבייטער אונד בעשפרעכט וועגען אייערע און אונזערע ביטערע לאגע, דען אויף דיזען ארט וועלין מיר ערנעהנטערין דיא גליקליכע צייט.

ווען אלע סארטען רויבערייא אונד טיראנאי וועלין פערניכטעט ווערין פון אונזער פער-אייניגטע מאכט, ווא עס וועלין מער ניט זיין קיין מענשליכע פיאווקעס וואס זאלען זייגען דעם ארבייטערס בלוט, אין קיין רוסישע רעגירונג וואס דריקט און שטיקט אייך, אונד אונז אלעמען, עס וועט נור זיין אלגעמיינעס פרייעס ארבייטער פאלק!

עס לעבע דיא אחדות פון אלע ארבייטער פון דער גאנצער וועלט!

עס לעבע דיא פרייע ארבייטער פאלק!

עס לעבע דער יום טוב פון ערשטען מאיי!

אכטונגספאל, דאס צענטראלע ארבייטער קאמיטע דער פאלנישען סא-ציאליסטישען פארטייא.

ווארשע, אפריל, 1897־.

געדרוקט צווייזײַטיק: איין זײַט—יידיש און די צווייטע זײַט—פּויליש. געדרוקט געוואָרן אין לאָנדאָן און אָנגעקומען קיין פּוילן מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג, און מחמת דעם איז דער אויפֿרוף אין גאַנצן ניט פֿאַרשפּרייט געוואָרן. געפֿינט זיך אין אַרכיוו פֿון פּפּ״ס אין וואַרשע.

## אויפֿרוף צו אַלע פֿאַכן, וואָס האָבן געשטרײַקט
### (וואַרשע, סעפּטעמבער 1897)

„אחדות איז דיא גרעסטע קראפט

ברידער ארבעטער! דיא לעצטע צייט פון זומער האט איהר געציינט וואס מען קאן דורך אחדות (סאלידאריטעט) אויספיהרען, די קאמאשין, סטאָלארזשעס, שיסטערס, קאטלאריעס, בעקערס, מאשענזניקעס האבען דורך זייערע שטרייקען זעהר פיל ארויסגעפ־הרט. כמעט אללע פאבריקאנטען אינד מייסטערס האבען געמיזט איינוויליגען, דאס מען זאל נאר ארבייטען 12 שעה אין טאג אונד דאך דען לוינ פערגרעססערין. נאר דאנק דעם, וואס איהר האט נישט געוואלט אבטרעטען פון אייערע פאדערונגען.

אב אבער יעצט ברידער מיזט איהר אייך ווידער גיט אין אכט נעמען אונד בעווארענען! יעצט הייבט מען שוין אהן ארבייטען ביים לאמף אייערע מייסטערס ווערדען זיך געוויס בעמיהען דעם ארבייטסטאג צו פערלענגערן, כדי וואס פריהער דען סעזאן צו ענדיגען, אונד שפעטער אייך ווארפין אין דעם שויס פין עלענד אונד נויט. פערשטייט זיך, דאס שפעטער נאך „נאווידאק״ ווערדען דיא אויס געהינגערטע ארבייטער מיזען אננעמען דיא ערגסטע בדינגונגען, וועלכע מען ווירד זייא שטעלין אונד ווידער אהנע אויפהער צו ארבעטין.

ברידער! ווירד איהר ווידער אן טהון דעם אלטען יאכט! וואלט איהר אויף זיך אלליין ציזאמען ציהען דיא שטריק פין אייערע תלינים, דיא לאמפען מעגן זיך ברעננען אבער איהר דארפט נישט אפפערין דאס וואס האט אייך געקאסט פיל מיהע אונד „כח״. קיינער פון אייך זאל נישט ארבייטען מעהר וויא 12 שעה. דורך אייערע אחדות האט איהר בעקאמען בעסערע בעדינ־גונגען פיר אייערע ארבייט און דורך אחדות. קענט איהר זייא ווייטער ערהאלטען. דער שונא לויערט שטענדיג אויף אייך אונד אייערע ארבייט דארפט איהר אויך נישט זיצען מיט פער־לייגטע הענט. איהר מיסט שטענדיג פיהרען דען שטרייט מיט אייערע בליטזייגער נאר שטרייטען הייסט נישט בלויז ארויסריפען פין צייט צו צייט סטרייקען נאר מיט אין אויפהערליכען אחדות שטענדיג פערטיידיגען דאס וואס מיר האבען שוין אויסגעווירקט אונד זיך בעמיהען איממער נייע ערלייכטערונגען צו ערדרייכען. אלזא ברידער פארווערטס! געדענקט אין דעם הויפט ציעל פין אינזער שטרייט וועגן דער פאלקמערבעפרייאונג פין דער ארבייטער קלאססע צו וועלכען עס שטרעבט בייא אונז העלדיש אונד מיט ליבע צו אונז דיא פוילנישע סאציאליסטישע פארטיי. —

געדענקט ברידער נישט לענגער וויא 12 שעה אין טאג!!!

דער ווארשעווער ארבייטער קאמיטעט

ווארשע סעפטעמבער״.

דאָס יאָר איז אויפֿן אָריגינאַל נישט אָנגעגעבן (1897). דער אויפֿרוף איז הע קטאָגראַפֿירט, די אותיות זײַנען ווי געדרוקטע. דער דאָזיקער אויפֿרוף איז אַרויס אין 2 אויפֿלאַגעס; די אָרטאָגראַפֿיע איז אין ביידע ניט די זעלביקע. אונדזער קאָפּיע איז גענומען פֿון דער צווייטער, מער פֿאַרגרײַזטער, אויפֿלאַגע; זי איז געדרוקט געוואָרן אין 170 עקז׳.

ווי מיר האָבן דערמאָנט אין טעקסט, האָט די פּפּ״ס אויך אַרויסגעלאָזט, אין יולי 1897, אַ העקטאָ־גראַפֿירטן אויפֿרוף צו די שטרײַקנדיקע „קאַמאַשניקעס״, געחתמעט „דער וואַרשעווער אַרבײַטער־קאָמיטעט פּפּ״ס״, וואָס רופֿט צו אַן אַלגעמיינעם שטרײַק פֿון די קאַמאַשן־מאַכערס אין וואַרשע. „4 וואַרשטאַטען שטעהען לײדיג— ווערט אין דעם אויפֿרוף געזאָגט – און 100 אַרבײַטער פֿאַרלאַנגען מאַן זאָלל זיי פֿערבעסערען די לאַגע. נור דאָס איז ווֹעניג... מען דאַרף אַז אַלע קאַמאַשניקעס זאָלען אַרויסטרעטען מיט אַ מאַל״. דער אָריגינאַל געפֿינט זיך אויך אין אַרכיוו פֿון פּפּ״ס.

פּ. ש.

## מאַי־אויפרוף פון 1898

„ברידער ארבייטער!

עס קומט אן דער 1-ער מאיי, דאס יום טוב פיר אללע אונטערדריקטע, פיר אללע, וואס קרעכצען אונטער דעם יאך פון דעם קאפיטאליזמוס! דיאזער יום טוב איז ניט פערשריבען אין קיינע לוחות, אין דעם טאג זאגט מען ניט קיין הלל, און דאך איז דאס איינער פון דיא טייערסטע יום טובים פיר דיא ארבייטער פון אללע לענדער און אלע נאציאנען!

דיא ארבייטער האבען בעשטימט דיאזען יום טוב, אום צו בעווייזען פיר דאס גאנצע וועלט, אז זיי פילען זיך אללע גלייך אונטערדריקט, אז זיי זיינען אללע פערטיג אין איין צייט ארויסצוטרעטין האנד ביי האנד ענטגעגען זייערע אונטערדריקערס — דיא קאפיטאליסטען און דיא יעצטיגע רעגירונג. און א אימה פאלט ארוף אין דעם טאג אויף אללס, דיא וואס צאפן דעם ארבייטערס בלוט!

דיא ארבייט איז אוועקגילייגט, דיא פאבריקען שטייען פוסט, און דיא ארגאניזירטע שערענגען ארבייטער, יום טוב׳דיג אן געטהאן, גייען זיך דורך איבער די גאסען מיט זייער רייטען פאהן פאראויס, דעם פאהן פון פרייהייט און רעוואלוציא, זינגענדיק רעוואלוציאנע ארבייטער ליעדער.

אזוי קומט עס פאהר גאנץ פריי און אפפען אין אויסלאנד, דארטין וואו דיא ארבייטער האבען מיט זייער בלוט זיך ערווארבין פאליטישע פרייהייט.

אונז, וואס מיר קרעכצן אונטער דעם דאפפעלטן יאך פון דעם קאפיטאליזמוס און דעם דעספאטישען רוססישען רעגירונג, וועט ניט אזוי גרינג אנקומען דער יום טוב. נאר טאקי דער־פאר, ווייל דאס וועט אונז שווערער אנקומען, האט עס פיר אונז א גרעסערין ווערטה.

ברידער! אללע, וויע איין מענש, ווארפט אוועק דעם 1-טען מאיי דיא ארבייט און בע־וואייזט מיט דעם ד א קאפיטאליסטען און דיא רעגירונג אז איר וועט זיין צו זאמען מיט אללע ארבייטער, ווען עס וועט קומען דיא צייט אין גאנצען אראבצוווארפען פון זיך דעם יאך פון דעם קאפיטאליזמוס, און אז איר וועט שטרייטען וויע פארהער האנד ביי האנד מיט אייערע קריסטליכע ברידער אום צו פערבעססערען אייער עקאנאמישע לאגע און אום צו ערפרייען זיך פון אייער פאליטישע סקלאפעראיי!

עס זאל לעבען דאס אחדות ביי דיא ארבייטער פון אללע נאציאנען און פון אלע לענדער!

ביאליסטאקער ארבייטער קאמיטעט

דער פאלנישער סאציאליסטישער פארטאיי

אים אפריל 1898״.

גערדרוקט אין דער ווילנער פּפּ״ס־ישער דרוקעריַי. דער דרוק און זאַץ אַ ריינער, אויף ראָזע פּאַפּיר. מיטן זעלביקן אינהאַלט און דאַטע איז אַרויס אַן אויפרוף אויך פֿון „וואַרשעווער אַרבייטער קאָמי־טעט דער פּאַלנישער סאַציאַליסטישער פּאַרטאַיי״.

# אַרקאַדי קרעמער

(אַ פּאָר ווערטער צו זײַן אָנדענק)

פֿון **דזשאָן מיל** (שיקאַגאָ)

שרײַבן וועגן אַרקאַדי קרעמערן — מיינט שרײַבן די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד פֿון איר אָנהייב ביז נאָך דער גרינדונג פֿון „בונד״. אין אַן אַנדער אָרט איז שוין באַמערקט געוואָרן, אַז ער איז דעמאָלט געווען דער גוף און די נשמה פֿון דער באַוועגונג, און דאָס דאַרף מען טאַקע נעמען כּמעט ווערטלעך. אַזוי דאָמינירנדיק איז געווען זײַן ראָלע, אַזוי שטאַרק זײַן השפּעה אויף אַלע געביטן פֿון דער באַוועגונג, אַזוי גרויס זײַן אויטאָריטעט.

און דאָך איז אַ. קרעמער ניט געווען ניט קיין שרײַבער און ניט קיין רעדנער. אין משך פֿון זײַן לאַנגיאָריקער פּאַרטיי-פּאָליטישער טעטיקייט האָט ער מער ניט אָנגעשריבן ווי די בראָשור „וועגן אַגיטאַציע״, אַ פּאָר קליינע אַרטיקלען און, אין איינעם מיט פּאַטין, דאָס קאָמפּילאַטיווע ביכל „דער אַרבעטסטאָג״. די פּיאָניערן-צײַט פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט פֿאַרמאָגט אַ היפּש ביסל בעסערע שרײַבערס, ניט ווייניק גוטע רעדנערס, מענטשן מיט גרעסערע און גרינדלעכערע קענטעניש אין סאָציאַל-פּאָליטישע פֿראַגעס, ווי אַרקאַדי. און פֿון דעסט וועגן: דער *טאָנגעבער* איז געווען ער, און נאָר ער. אויף יעדן טריט און שריט, אין אַלע ספֿערעס פֿון דער באַוועגונג, אין אַלע פֿאַזעס פֿון איר אַנטוויקלונג האָט מען געקענט באַמערקן זײַן גײַסט. אָפּט לייענט מען וועגן דעם אָדער יענעם „לעגענדאַרן״ טוער אין דער באַוועגונג, אָבער אין דער פּיאָניערן-צײַט איז געווען נאָר *איין* פּערזאָן, וואָס האָט געהערט צו אָט דער קאַטעגאָריע — און דאָס איז געווען אַרקאַדי.

עס איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן, וואָס פֿאַר אַן אויטאָריטעט ער האָט געהאַט און מיט וואָס פֿאַר אַ ליבע מען האָט זיך באַצויגן צו אים. יעדערער, וואָס האָט געהאַט אַ שײַכות צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, יעדער ראַדיקאַלער סטודענט אָדער ליבעראַל, ווען זיי פֿלעגן באַזוכן ווילנע, פֿלעגן זיי האַלטן פֿאַר אַן אומבאַדינגטן חובֿ זייערן און באַטראַכטן עס פֿאַר אַ גרויסן גײַסטיקן פֿאַרגעניגן זיך צו זען און זיך דורכשמועסן מיט אַרקאַדין. זײַן אויטאָריטעט איז קיין מאָל ניט געווען אַן אַרויפֿגעצוווּנגענער, נאָר אַ נאַטירלעכער. אין פֿאָרם פֿון פֿראַגעס, אויף אַן אומוועג, אומדירעקט, כּמעט אומבאַמערקלעך פֿאַר זײַנע חבֿרים אָדער אָפּאָנענטן, פֿלעגט ער אײַנווירקן אויף זיי אַזוי, אַז זיי פֿלעגן סוף כּל סוף אָננעמען זײַן שטאַנדפּונקט אָדער זײַנע פּראַקטישע פֿאָרשלאָגן. דער סוד פֿון זײַן ערפֿאָלג איז געלעגן, ווי מיר דוכט, אין זײַן פֿעיִקייט צו פֿאַרבלײַבן אויף שטענדיק אויף אַ רעאַלן באָדן און אויך אין די אייגנשאַפֿטן פֿון זײַן פּערזאָן: אין זײַן וואַרעמער באַציִונג צו מענטשן, אין זײַן באַשיידנקייט, אין זײַן פֿאָלקסטימלעכקייט, אין זײַן איבערגעגעבנקייט אָן אַ גרענעץ צו דער אַרבעטער-זאַך.

אין דער רעוואָלוציאָנערער, סאָציאַליסטישער באַוועגונג געדויערט עס אָפּט לאַנגע יאָרן, ביז עמעצער ווערט אַן אַלגעמיין אָנערקענטער פֿירער. מיט אַרקאַדין אָבער איז געשען אַ נס: ער איז דאָס געוואָרן, מען קען זאָגן, אויף מאָרגן נאָך זײַן קומען פֿון פּעטערבורג (1890), ווי ער איז אָפּגעזעסן אין טורמע „קרעסטי״ זײַן צווייטן טערמין.

אמת, נאָך אין דער צווישנצײַט, פֿון דער וואַרשעווער טורמע ביז דער פּעטערבורגער, האָט ער געלעבט אין ווילנע און איז געווען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט יאָגיכעסן און קאָפּעלזאָנען, אָבער דעמאָלט האָט ער נאָך ניט אַרויסגעוויזן קיין גרויסע אַקטיוויקייט און איז נאָך ניט געווען אַזוי ברייט באַקאַנט. ווען ער האָט געענדיקט די ווילנער רעאַלשול, איז ער נאָך קיין סאָציאַליסט ניט געווען, כאָטש שוין גוזעלשאַפֿטלעך און אָפּאָזיציאָנעל געשטימט. זײַן סאָציאַליסטיש-מאַרקסיסטישער וועלטבאַנעם האָט זיך בײַ אים אויסגעאַרבעט פֿריִער אין פּעטערבורג און שפּעטער אין ריגע. אָבער זײַן גאַנצע אָריענטאַציע איז נאָך ניט געווען אויף דער באַוועגונג צווישן ייִדן, נאָר אויף רוסלאַנד בכלל; אַרבעטן פֿאַר דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז געווען זײַן ציל. בעת ער האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט אין ווילנע, האָט ער אַפֿילו ניט געחלומט וועגן דעם, אַז דער אומפֿאַרמײַדלעכער, לאָגישער רעזולטאַט וועט זײַן — אַ ייִדישע סאָציאַליסטישע מאַסן-באַוועגונג.

אין „אונדזער צײַט" (וואַרשע, נומער 2, פֿון 5טן פֿעברואַר 1928) האָט קרעמער מיט יאָרן שפּעטער געשריבן: „די ערשטע גרינדער פֿון די אַרבעטער-קרײַזלעך אין ווילנע האָבן ניט אין זינען געהאַט קיין ברייטע אַרבעט צווישן דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע גופֿא; זיי האָבן בלויז געוואָלט אויסבילדן איינצלנע מער אַנטוויקלטע אַרבעטער, זיי דערפֿירן צום סאָציאַליסטישן באַוווסטזײַן, זיי צוגרייטן פֿאַר אַגיטאַטאָרן פֿאַר רוסלאַנד, פֿאַר די אינדוסטריעלע צענטערס — פֿאַר דעם רוסישן אַרבעטער-קלאַס. דער סאָציאַליסטישער געדאַנק פֿון יענער צײַט האָט נישט געזען נאָך די מעגלעכקייטן פֿון אַ באַוווסטזיניקער קלאַסן-באַוועגונג צווישן אַרבעטער פֿון קליינע וואַרשטאַטן, און נאָך מער צווישן די ייִדישע צעזייטע און צעשפּרייטע איינצלנע אַרבעטער אין די האַנט-ווערקער-וואַרשטאַטן. אַקעגן האָט זיך געלייגט אויפֿן שׂכל, אַז צווישן אָט די עלעמענטן, וועלכע זײַנען גײַסטיק מער אַנטוויקלט און מאָראַליש ריינער, זאָלן זיך לײַכט געפֿינען יחידים, וואָס וועלן זיך קאָנען דערהייבן און גוט פֿאַרשטיין דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל..."

אַרקאַדי האָט דאָ אַ טעות. ווען ער האָט זיך באַזעצט אין ווילנע, איז שוין די שטימונג דאָ געווען אין אַ גרויסער מאָס אַן אַנדערע; אַ סך פֿון די דעמאָלטיקע טוערס האָבן ניט געקוקט מיט אַרקאַדיס אויגן אויף די ייִדישע אַרבעטער, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען די פּראָפּאַגאַנדע-קרײַזלעך, ווי נאָר אויף אַ רעזערוואַר פֿון אַגיטאַטאָרס פֿאַר די רוסישע אינדוסטריעלע צענטערס. מיטן אויסנאַם פֿון אַ פּאָר אַסימילאַטאָריש געשטימטע אינטעליגענטן און אַ האַלבן טוץ אַרבעטער פֿלעגן זיי פֿאַרקערט מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן אָננעמען די ידיעה וועגן יעדן פֿאַל, ווען דער אָדער יענער טוער פֿלעגט באַשליסן צו פֿאַרלאָזן די ייִדישע אַרבעטער-סבֿיבֿה און זיך באַזעצן אַרבעטן צווישן רוסן. עס מאַכט ניט אויס, צי אַזאַ סענטימענט איז געקומען פֿון דער איבער-צײַגונג, אַז די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג האָט אַ זעלבשטענדיקן באַטײַט און אַז זי פֿאַרמאָגט אַ פּאָטענציעלן רעוואָלוציאָנערן כּוח — אָדער ניט. אין דעם פֿאַל איז דאָס ניט געווען אַזוי וויכטיק. פֿאַר אייניקע זײַנען מאַסגיביק געווען אויך אַנדערע טעמים. אָבער דער אויבן דערמאָנטער סענטימענט האָט עקסיסטירט, און זיי, די דאָזיקע טוערס, האָבן ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק וועגן פֿאַרלירן סיסטעמאַטיש איינצלנע, מער אַקטיווע און מער גײַסטיק אַנטוויקלטע פֿון צווישן די אַרבעטער און שיקן זיי אין די רוסישע שטעט און אויף אַזאַ אופֿן שטענדיק באַרויבן די ייִדישע מאַסע פֿון אירע נאַטירלעכע פֿירערס. זיי האָבן געהאַלטן, אַז זייער חובֿ איז צו בלײַבן צווישן די ייִדישע מאַסן: אין ווילנע ווי אין מינסק, אין ביאַליסטאָק ווי אין גראָדנע, אין וואַרשע ווי אין די אַנדערע שטעט פֿון תּחום.

דער גרויסער ערפֿאָלג פֿון דער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער האָט באַלד אַרײַנגעבלאָזן אַ נײַע נשמה אַפֿילו אין די, פֿאַר וועמען די דאָזיקע טעטיקייט האָט געזאָלט זײַן מער ניט ווי אַ צײַטווײַליקע, ווי אַן איבערגאַנגס-אַרבעט. די ערשטע פּראָ-

פּעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך טיף איַינגעוואָרצלט אין לעבן. די גרויסע צאָל אַרבעטער-קרײַזלעך האָבן שוין ניט געטראָגן קיין ציַיטווײַליקן עפּעמערן כאַראַקטער. אַ שטרייַק-כוואַליע האָט זיך פֿונאַנדערגעגאָסן איבער ווילנע און אַנדערע שטעט, און זי טענדענץ זיך אַרויסצוריַיסן פֿון דער אייגענער סבֿיבֿה און זיך לאָזן אויף אַ ווײַטן וועג צו די „ברייטע" רוסישע אַרבעטער-מאַסן איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און איז אין גיכן כמעט אין גאַנצן פֿאַרשוווּנדן. די אָריענטאַציע איז געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אַ „יִדישע": גיין מיט אַ גרעסערן אימפּעט אין די יִדישע מאַסן, זען זיי אויפֿהייבן קולטורעל, גײַסטיק, מאָראַליש, פּאָליטיש, אָרגאַניזירן זיי און פֿירן אין קאַמף.

מיט אַרקאַדין איז אָט די דאָזיקע טראַנספֿאָרמאַציע פֿאָרגעקומען אפֿשר גיכער ווי מיט אַנדערע. אָבער דער ווּנטש, די שטרעבונג צו העלפֿן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אויף אַלע מעגלעכע אַנדערע אופֿנים איז קיין מאָל ניט פֿאַרשוווּנדן — ניט ביַי אַרקאַדין און ניט בײַ אַלע זײַנע חבֿרים. דאָס איז געווען מער ווי אַ ווּנטש אָדער שטרעבונג — דאָס איז געווען אַ לעבנס-פֿראַגע, אַ פּרינציפּ. דער צוזאַמענבונד מיט די רוסישע אַרבעטער, דער געפֿיל פֿון סאָלידאַרישקייט מיט זיי איז געשטאַנען אויפֿן ערשטן אָרט. אַפֿילו דעמאָלט, ווען די יִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז שוין געווען שטאַרק און די רוסישע באַוועגונג נאָך צעשטויבט, צעריסן, שוואַך און אָנמעכטיק, — אַפֿילו דעמאָלט איז קיינער פֿון אונדז ניט געווען מסופּק אויף אַ מינוט אין איר אומפֿאַרמײַדלעכן וווּקס, אין אירע אימאַנענטע כּוחות, אין איר פֿעיִקייט ענדלעך צו געפֿינען דעם ריכטיקן וועג און אַרויסגיין אויף דער אַרענע פֿון רוסישן פּאָליטישן לעבן, און אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דער גורל פֿון די יִדישע מאַסן איז ענג פֿאַרבונדן מיטן גורל פֿון די רוסישע אַרבעטער.

פֿאַר אַרקאַדין איז דאָס געווען אַן „אידעע פֿיקס". עס איז געווען זײַן פֿאַרדינסט, בכל אופֿן אין אָנהייב, אָט די פֿילזײַטיקע און סיסטעמאַטישע הילף, וואָס די גרופּע אין ווילנע האָט געגעבן די רוסישע אָרגאַניזאַציעס: אַ ביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור דאָ, אַ ביסל דאָרטן; אַ העקטאָגראַף פֿאַר פּעטערבורג, פּאַפּיר פֿאַר קיִעוו; די קאָנטרעבאַנדע פֿון רוסישער ליטעראַטור פֿון אויסלאַנד, דער „טראַנספּאָרט", אַוועקגעשטעלט אויף אַ סאָלידן יסוד. שפּעטער אַ ביסל איז דאָס געוואָרן אַ קאָמפּליצירטע און פֿאַרצווײַגטע אַרבעט, אין וועלכער עס האָבן שוין אָנטייל גענומען אַ סך מענטשן, אָבער אין אַרקאַדיס הענט איז פֿאַרבליבן איר גאַנצער מעכאַניזם. די איניציאַטיווע פֿון ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס (1898), אויף וועלכן עס איז געגרינדעט געוואָרן „די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי", האָט ווי באַוווּסט, געהערט אים. און אַרקאַדין האָט מען אויסגעקליבן פֿאַר אַ מיטגליד אין ערשטן צענטראַלן קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי.

עס איז ווייניק באַקאַנט דער פֿאַקט, אַז אַפֿילו אויפֿן געביט פֿון אַרויסגעבן פּאָפּולערע רוסישע בראָשורן פֿאַר מאַסן-אַגיטאַציע צווישן אַרבעטער האָט אַרקאַדי געמאַכט דעם ערשטן פּרווו. צו יענער צײַט האָט דער יונגער דור רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, זוכנדיק אַ מאַסן-באַזע פֿאַר זײַן טעטיקייט, אָנגעהויבן נאָכצומאַכן דעם ווילנער בײַשפּיל: דורך שמאָלע עקאָנאָמישע פֿאָדערונגען און אַ קאַמף פֿאַר זייער פֿאַרווירקלעכונג צוציִען ברייטע אַרבעטער-שיכטן און ביסלעכווײַז דערהייבן זיי צו פֿאַרשטיין פּאָליטישע פֿאָדערונגען און די נייטיקייט צו פֿירן אַ פּאָליטישן קאַמף. אַרקאַדיס בראָשור „וועגן אַגיטאַציע" האָט אַ סך מיטגעהאָלפֿן אָנצונעמען אָט די טאַקטיק. די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ליטעראַטור איז דעמאָלט באַשטאַנען נאָר פֿון די אויסגאַבעס פֿון דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" („באַפֿרײַונג פֿון אַרבעט"). זיי זײַנען אָבער געווען מער צוגעפּאַסט צו די גײַסטיקע באַדערפֿענישן פֿון דער אינטעליגענץ און פֿון אַ קליינעם שיכט אַרבעטער-אַגיטאַטאָרן און האָבן ניט געטויגט פֿאַר ברייטערע אַרבעטער-שיכטן, ווײַל זיי זײַנען געווען אומפֿאַרשטענדלעך פֿאַר זיי. איז די נויט אין פּאָפּולערער מאַסן-

ליטעראַטור געווען דעריבער אומגעהײַער גרויס און אַקטועל. און אַרקאַדי איז געווען איינער פון די ערשטע צו העלפן שאַפן אַזאַ ליטעראַטור. דרײַ קליינע בראָשורן: „דער אַרבעטסטאָג", „די אַרבעטער-רעוואָלוציע" און „וואָס יעדער אַרבעטער דאַרף וויסן און געדענקען" זײַנען צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק. אָבער ניט אַזוי גיך האָבן זיי דערזען די ליכטיקע שײַן... זיי זײַנען אַוועקגעשיקט געוואָרן צו פּלעכאַנאָוון, וועלכער האָט ניט געוואָלט הערן אַפילו וועגן געבן זײַן הסכמה זיי אָפּצודרוקן: ווי ער האָט דערקלערט, איז עס ניט די אויפגאַבע פון זײַן „גרופּע" אַרויסצוגעבן אַזאַ מין ליטעראַטור, און חוץ דעם האָט ער געפונען אין די בראָשורן באַצילן פון „עקאָנאָמיזם" — פון דער טעאָריע, וואָס ער האָט אַזוי באַקעמפט, וועגן אַנטוויקלען דעם קלאַסנבאַוווסטזײַן בהדרגה, אין דאָזעס—תחילת גאַנץ קליינע און שפּעטער אַלץ גרעסערע און גרעסערע...

דאָס און אויך די פּאַרשלעפּעניש מיטן אָפּדרוקן די בראָשור „וועגן אַגיטאַציע", האָבן באַוויגן אַרקאַדין צו פּאָרן קיין אויסלאַנד זיך זען מיט פּלעכאַנאָוון. אַזוי ווי איך האָב אויך געהאַט געוויסע פּרעטענזיעס צו פּלעכאַנאָוון (ער האָט אָפּגעדרוקט אין אַ רוסישער אָדער פּוילישער צײַטונג אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט — ניט אין גאַנץ קלאָרע ווערטער — פאַר דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון די פּפּ"ס, און די פּפּ"ס האָט דאָס אויסגענוצט אין קאַמף קעגן אונדז אין וואַרשע), האָבן מיר ביידע צוזאַמען אים באַזוכט זומער 1896 אינעם שווייצער קוראָרט בעאַטענבערג, ווו ער האָט זיך געהיילט פון אַ לונגען-קראַנקייט. אין דעם שמועס מיט פּלעכאַנאָוון האָט אויך אָנטייל גענומען דער דעמאָלטיקער מאַרקסיסט און שפּעטערער מיניסטער אין קערענסקיס רעגירונג פּראָקאָפּאָוויטש. קיין רייד, קיין טענות האָבן ניט געהאָלפן. פּלעכאַנאָוו איז געבליבן שטײַף בײַ דעם באַשלוס, אַז זײַן „גרופּע" קען אַזעלכע בראָשורן ניט אַרויסגעבן. די בראָשור „וועגן אַגיטאַציע" האָט די „גרופּע" יאָ אין גיכן אַרויסגעגעבן, מיט אַקספּלראָדס אַ קריטישער הקדמה (1896). די דרײַ בראָשורקעס אָבער האָט אַרקאַדי געמוזט אָפּדרוקן אונטער אַן אויסגעטראַכטער פירמע.[1] איך האָב פאַר דעם ציל געקראָגן 100 רובל פון מײַנע פּערזענלעכע פרײַנד, דאָס איבעריקע נייטיקע געלט האָט געקראָגן אַרקאַדי.

---

מיט אַרקאַדי קרעמערס טויט איז אַוועק פון אונדז איינע פון די שענסטע פיגורן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון אַמאָליקן רוסלאַנד, פּוילן און ליטע. נאָר אַ דאַנק זײַן באַשיידנקייט, זײַן אָרגאַנישער שׂינאה ניט נאָר צו שרײַענדיקער רעקלאַמע, נאָר צו „פּובליסיטי" בכלל, און טיילווײַז אפשר אַ דאַנק דער שטרענגער קאָנספּיראַציע, וואָס האָט געהערשט אין יענער פּיאָניערן-צײַט אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, איז אַרקאַדיס נאָמען דעמאָלט ניט געווען אַזוי ברייט באַוווּסט, ווי ער האָט דאָס פאַרדינט. אָבער מיר, אַלטע טוערס, ווייסן זייער גוט, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע ער האָט געשפּילט ניט נאָר אין דער ייִדישער, נאָר אויך אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; וואָס פאַר אַ גרויסע השפּעה ער האָט געהאַט אויף אַ גאַנצן דור סאָציאַליסטן. אין דער פּיאָניערן-צײַט זענען ניט געווען קיין סך אַרקאַדיס, עס איז געווען נאָר איין אַרקאַדי קרעמער.

---

[1] אַרויס אין אויסלאַנד אין 1896 א״נ: Рабочий день, Рабочая революция, און Что каждый рабочий должен знать и помнить

# די „גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד" און אַרקאַדי קרעמער

## פֿון יעקבֿ פּעסקין (פּאַריז)

איך האָב נישט בדעה צו שרײַבן דאָ די געשיכטע פֿון דער „גרופּע ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן". געוואָלט האָב איך נאָר געבן אַ ביאָגראַפֿיש בילד און אַ כאַראַקטעריסטיק פֿון מײַן לערער און פֿרײַנד אַרקאַדי קרעמער. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז עס איז פֿאַראַן דערצו צו ווייניק מאַטעריאַל; פֿון דער צווייטער זײַט איז קלאָר געוואָרן, אַז שרײַבן וועגן קרעמערן הייסט שרײַבן אויך וועגן דער גרופּע, אויף וועלכער ער האָט געהאַט אַזאַ גרויסע השפּעה. איך האָב זיך דעריבער געמוזט באַגרענעצן מיט דער כאַראַקטעריסטיק פֿון דער גרופּע, און וועגן קרעמערן גופֿא און די אַנדערע טוערס געבן נאָר דאָס, וואָס איז אומבאַדינגט נייטיק. אָבער אויך די דאָזיקע אויפֿגאַבע איז געווען אַ שווערע, ווײַל אייגנטלעך זײַנען קיין אויטענטישע מאַטעריאַלן וועגן יענער צײַט כּמעט ווי ניט פֿאַרבליבן: געשריבענע דאָקומענטן האָט מען פֿון קאָנספּיראַציע וועגן דעמאָלט ניט איבערגעלאָזט, און וואָס איז שייך די זכרונות, וואָס האָבן זיך וועגן דער תּקופֿה אָנגעזאַמלט, זײַנען זיי אָדער צו סוביעקטיוו, אָדער פּשוט ניט ריכטיק — מען קען באמת פֿון קיינעם ניט פֿאָדערן, ער זאָל גענוי געדענקען וואָס ער האָט איבערגעלעבט מיט צענדליגער יאָרן צוריק. ווען מ׳שטעלט אָבער קעגן אַנאַנד די פֿאַרשיידענע זכרונות, באַקומט זיך דאָך אַ ב״לד פֿון יענער תּקופֿה און פֿון קרעמערס ראָלע אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג.

I

וועגן דעם, פֿאַר וואָס דווקא ווילנע האָט געהאַט אַזאַ גרויסע השפּעה אויף דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג און ניט אַ שטייגער מינסק, ווו מאַרקסיסטישע קרײַזלעך האָבן עקסיסטירט פֿריִער, איז שוין געשריבן געוואָרן.[1] געוויס איז ווילנע געווען אַ גרעסערער אַרבעטער-צענטער און אויך אַ גרעסערער ייִדישער קולטור-צענטער. דערויף ווײַזט אויך אָן אַרקאַדי קרעמער אין זײַנע קורצע זכרונות.[2] אין ווילנע האָט זיך געפֿונען דער לערער-אינסטיטוט, פֿון וואַנען ס׳פֿלעגן אַרויסגיין און זיך פֿאַרשפּרייטן איבערן תּחום ייִדישע קולטור-טוער. דער אינסטיטוט אַליין איז געווען אַ המשך פֿון דער אַמאָליקער ראַבינער-שול, וואָס האָט פֿאַרשפּרייט השׂכּלה — צי קען מען ניט ציִען אַזוי אַ פֿאָדעם פֿון דער השׂכּלה ביז צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע?

אַ צווייטע פֿראַגע, וואָס שטעלט זיך, איז דער אָפּשטאַם פֿון דער ווילנער גרופּע ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן ווי די יורשים פֿון די „נאַראָדאָוואָלצעס". אין די 80ער יאָרן איז ווילנע געווען אַ געוויסער צענטער פֿון נאַראָדאָוואָלישער אַרבעט; צום טייל איז דאָ צוגעגרייט געוואָרן דער ניט-געראָטענער אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער III פֿונעם

---

1 זע למשל די דיסקוסיע ארום דער מיטטיילונג פֿון יעווג׳ (זשעניע) הורוויטש אין ז״ב Револ. движение среди евреев (מאָסקווע 1930); פּ״גל אויך די זכרונות וועגן ווילנע פֿון דזשאָן מילל אין אונדזער באַנד אויבן. — רעד׳.

2 אין „אַרבעטער-לוח", וואַרשע 1922, ז׳ 91 א״וו.



ל. מאַרטאָוו-צעדערבוים

(1923—1873)



אַרקאַדי קרעמער

(אין די עלטערע יאָרן)



שמואל לעווין

(פירער פון דער גאַרבער-באַוועגונג אין סמאָרגאָן.
געשט' אין ניו-יאָרק 1907)



וולאַדימיר קאָסאָווסקי

1טן מערץ 1887. די „נאַראָדאָוואָלצעס" גנאַטאָווסקי און דעמבאָ, וואָס האָבן דעמאָלט דאָ געוווינט, און זייער קרייַז האָבן געהאַט אַ השפעה אויף דער ייִדישער יוגנט. די שפּעטער-דיקע מיטגלידער פֿון דער גרופּע ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן זײַנען נאָך סוף די 80ער יאָרן אַליין געווען „נאַראָדאָוואָלצעס": אַרקאַדי קרעמער, ט. קאָפּעלזאָן, איסיי אײַזנשטאַט, וועלכער איז איינער פֿון די לעצטע. אַריבער צום מאַרקסיזם, און אַנדערע. אַט דער נאַראָדאָוואָלישער אָפּשטאַם האָט געוויס אַרויפֿגעלייגט זײַן שטעמפּל: די איבערגעגעבנקייט, די מסירת-נפֿש, די שטרענגע קאָנספּיראַציע און אַפֿילו דער מאָראַלישער פּאַטאָס פֿון אַרבעט דערקלערן זיך אין אַ גרויסער מאָס דערמיט, וואָס די מיטגלידער פֿון דער ווילנער גרופּע האָבן באַקומען זייער פֿאָרמירונג אויף די בײַשפּילן פֿון די גרויסע גײַסטער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".[3]

דער פּעריאָד פֿון דער צווייטער העלפֿט 80ער און ערשטער העלפֿט 90ער יאָרן איז געווען אַ צײַט פֿון שטורעמדיקן טעאָרעטישן קאַמף צווישן מאַרקסיסטן און „נאַראָ-דאָוואָלצעס". פּלעכאַנאָווס בראָשור „אונדזערע חילוקי-דעות"[4] האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע ווירקונג אויף דער ווילנער ייִדישער יוגנט און איז געוואָרן די תּורה פֿון רעוואָ-לוציאָנערן מאַרקסיזם, הגם דער מחבר גופֿא האָט זיך נאָך דעמאָלט ניט אין גאַנצן אָפּגעזאָגט פֿון טעראָר. אַ סך גרינדלעכער און וויסנשאַפֿטלעכער איז געווען דאָס שפּעטער-דיקע ווערק פֿון פּלעכאַנאָוון (בעלטאָוון) „וועגן דעם מאָניסטישן קוק אויף דער געשיכטע" און אויך זײַן ריין פּאָלעמיש בוך, אונטערן פּסעוודאָנים וואָלגין, קעגן דעם טעאָרעטיקער פֿון דער נאַראָדנישער טעאָריע וו. וו.[5] די אַלע ווערק האָט די ייִדישע אינטעליגענץ גרינדלעך שטודירט, און זיי האָבן באַדאַרפֿט אָפּווישן די שפּורן פֿון לאַווראָווס און מיכאַילאָווסקיס השפּעה. מײַן ברודער, ישׂראל פּעסקין,[6] גיט איבער אין זײַנע שמועסן מיט מיר, אַז די מיטגלידער פֿון דעם ווילנער קרײַז, אין וועלכן ער איז אַרײַן אין איינעם מיט יעקבֿ וויטקינד, יעקבֿ לאַכאָווסקי, מענדל ראָזענבאַום, האָבן זיך שוין דעמאָלט גערופֿן „פּלעכאַנאָווצעס" (איין ראָזענבאַום איז פֿאַרבליבן אַ „נאַראָדאָוואָלעץ" און איז שפּעטער געוואָרן אַ טעטיקער ס"ר).

דער דאָזיקער פּראָצעס איז אָבער צוגעגאַנגען ניט אַזוי לײַכט, און מירטאָוו-לאַווראָווס און מיכאַילאָווסקיס אידעען האָבן נאָך לאַנג געפּײַניקט די מוחות פֿון דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, אַפֿילו דער מאַרקסיסטישער. יעקבֿ נאָטקין, דער נאָענטער פֿרײַנד פֿון אַרקאַדי קרעמער, וואָס האָט אויף אים געהאַט אַ ווירקונג און אים אַרײַנ-געצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז געווען אַ טיפּישע פֿיגור פֿון דעם דור רוסישע „נאַראָדאָוואָלצעס" אין די 80ער יאָרן — אַן אַסקעטישע, הויך מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, גרייט אויף דער גרעסטער מסירת-נפֿש, און ער איז טאַקע אין גיכן, ווי באַקאַנט, טראַגיש אומגעקומען אין סיביר.[7] בכדי צו אַנטוויקלען בײַ דער יוגנט דעם גײַסט פֿון ליבע צום פֿאָלק, צו דעם רוסישן פּויער, פֿלעגט מען איר געבן לייענען די נאַראָדנישע ווערק און די ספּעציפֿישע רוסישע פֿאָלקסטימלעכע ליטעראַטור, דערציי-לונגען און לידער פֿונעם לעבן פֿונעם לײַדנדיקן רוסישן פּויער. דער עטישער

---

3 זע וועגן דעם אין אַרט׳ פֿון פּ. קורסקי: דער אָנהייב, עטלעכע באַמערקונגען צו אַ גרויסער טעמע; „פֿאָלקסצײַטונג" (וואַרשע), פֿון 16טן דעצעמבער 1932.

4 Наши разногласия. אַרויס אין זשענעווע 1885.

5 О монистическом взгляде на историю — איז אַרויס לעגאַל, אין 1895; דאָס צווייטע בוך, אונטערן פּסעוודאָנים „וואָלגין", א"נ: Обоснование народничества в трудах г. В. В. איז אַרויס לעגאַל אין 1896; אונטער וו. וו. ווערט געמיינט דער באַקאַנטער נאַראָדנישער שרײַבער וואָראָנצאָוו. — רעד׳.

6 באַקאַנטער ס"ד „מענשעוויק", פּסעוודאָנים — סאַמאָוו. — רעד׳.

7 בעת דער יאַקוטסקער הריגה אין מערץ 1889; זע די נאָטיץ וועגן אים אין דעם באַנד. — רעד׳.

צוגאַנג, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די נאַראָדניקעס, איז איבערגעגאַנגען אויך אין די ערשטע מאַרקסיסטישע קרײַזן.

ווילנע איז געווען אַ קולטור-צענטער אויך פֿאַר די פּאָליאַקן און ליטווינער. די יידישע, פּוילישע און ליטווישע אינטעליגענץ האָבן געהאַט צווישן זיך געוויסע גײַסטיקע פֿאַרבינדונגען, אָבער דער יידישער אינטעליגענט איז געווען אַ סך מער פֿאַרבונדן מיט דער רוסישער קולטור, ווי אַ שטייגער מיט דער פּוילישער, און האָט זײַן דערציִונג באַקומען אויף דער רוסישער ראַדיקאַלער ליטעראַטור. נאָר אין איינצלנע פֿאַלן זײַנען יידישע רעוואָלוציאָנערן אַוועק אין דער פּוילישער באַוועגונג; אַזוי למשל: יאָגיכעס (טישקאָ) איז שפּעטער געוואָרן איינער פֿון די פֿירער פֿון דער פּוילישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. בדרך כּלל האָבן די יידישע אַרבעטער-טוער געשטרעבט צו רוסישער קולטור. צי איז דאָס געווען אַ פּועל-יוצא פֿון רוסיפֿיקאַציע? אין אַ גרויסער מאָס — יאָ. מען דאַרף אָבער ניט פֿאַרגעסן, אַז דאָ האָבן געווירקט אויך עקאָנאָמישע פֿאַקטאָרן: אין ווילנע איז דער יידישער הויפּטהאַנדל אָנגעגאַנגען מיטן רוסישן מיליטער און מיטן רוסישן באַאַמטנטום. פֿון דער צווייטער זײַט איז די פּוילישע „געזעלשאַפֿט“ אין יענער צײַט, וואָס איז געשטאַנען דורכויס אונטער דער השפּעה פֿון דעם אַדל און קלער, געווען בולט אַנטיסעמיטיש געשטימט.

ווען איז אויפֿגעקומען די גרופּע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן? קיין באַשטימטע דאַטע לאָזט זיך ניט פֿעסטשטעלן. אין יענע צײַטן האָט מען ווייניק געזאָרגט וועגן פֿאָרמאַליטעטן, און וואָס ווייניקער פֿאַרשרײַבן איז געווען אַ הויפּט-כּלל פֿון קאָנספּיראַציע. קאָפּעלזאָן דערציילט אין זײַנע זכרונות, אַז סוף זומער 1837, בעת אייניקע חבֿרים האָבן זיך געקליבן פֿאָרן אין די אוניווערסיטעטן אָדער אָפּטראָגן זיך קיין אויסלאַנד, האָבן זיי זיך פֿאַרזאַמלט אין איינעם מיט די איבערגעבליבענע און אויסגעאַרבעט אַ „פּראָגראַם מיט סטאַטוטן“; דעם אינהאַלט פֿון דער פּראָגראַם האָט ער אָבער אין גאַנצן פֿאַרגעסן[8] און אויך אין די זכרונות פֿון די אַנדערע טוער ווערט זי ניט אָנגעוויזן. צי דאַרף מען אָננעמען, אַז דאָס איז געווען די גרינדונגס-דאַטע פֿון דער גרופּע? אויב מען זאָל אָננעמען, אַז יאָ, האָט די פּראָגראַם בכל-אופֿן ניט געקענט זײַן קיין ריין מאַרקסיסטישע, ווײַל אין אויסאַרבעטן זי האָבן אָנטייל גענומען סײַ ליובע אַקסעלראָד, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אַ מאַרקסיסטקע, און סײַ ח. ראַפּאָפּאָרט, בייסהילעל[9] און איסײַ איַיזנשטאַט, וואָס האָבן געהערט צו די נאַראָדניקעס.

כּדי צו פֿאַרענדיקן מיט דער פֿראַגע וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון דער ווילנער גרופּע דאַרף מען נאָך אָנווײַזן, אַז אירע מיטגלידער האָבן משמעות קיין שום השגה ניט געהאַט וועגן דער עקסיסטענץ פֿון די פֿריִערדיקע סאָציאַליסטישע פּרוּוון צווישן יידן, ווי למשל ליבערמאַנס און זונדעלעוויטשעס; זיי איז מסתּמא אויך געבליבן אומבאַקאַנט ליבערמאַנס „סטאַטוט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פֿון אַ סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערן פֿאַרבאַנד צווישן יידן אין רוסלאַנד“. מען קען אויך ניט באַהויפּטן, אַז די מינסקער טוער האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף די ווילנער, הגם אין מינסק האָט אַ גרופּע טוער — עמיל אַבראַמאָוויטש, איסאַק הורוויטש און זײַן שוועסטער זשעניע — שוין געהאַט אַנטוויקלט אַ גאַנץ לעבעדיקע טעטיקייט; עמיל אַבראַמאָוויטש האָט אַפֿילו עטלעכע חדשים פֿאַרבראַכט אין ווילנע.

ריידנדיק וועגן דער ווילנער יידישער אינטעליגענץ דאַרף מען באַזונדערס אָנווײַזן אויף דער גרופּע שילער פֿון לערער-אינסטיטוט, וואָס האָבן אין דער באַוועגונג

---

8 „אַרבעטער-לוח“, וואַרשע 1922, ז׳ 58 (פֿ״גל אויך די זכרונות פֿון שאַרל ראַפּאָפּאָרט אין דעם באַנד). — רעד׳.

9 איסאַק בייסהילעל איז יונג געשטאָרבן; קאָפּעלזאָן אין זײַנע צײט זכרונות שרײַבט, אַז בייסהילעל האָט אים סוף 1886 באַקאַנט געמאַכט מיטן באַוווסטן נאַראָדאָוואָלעץ איסאַק זעמבאַ און מיט ח. ראַפּאָפּאָרטן.

געשפּילט אַ גאַנץ גרויסע ראָלע. די „אינסטיטוטשיקעס“ זײַנען געווען אַרײַנגעצויגן אין דער רוסישער קולטור, און פון דער צווייטער זײַט זײַנען זיי לויט זייער אָפּשטאַם און ווי צוקונפטיקע פאָלקסלערער געשטאַנען נעענטער צו דער יידישער מאַסע ווי די אַנדערע. אַזעלכע ווי גאָזשאַנסקי (לנו), פאָרטנאָי (נח), פּין, רעזניק וכדומה קענען באַטראַכט ווערן ווי יידישע קולטור-טוער לויט זייער פּראָפעסיע.

II

די צענטראַלע פיגור אין דער ווילנער גרופּע איז לויט אַלעמענס אָנערקענונג געווען אַ ר ק אַ ד י ק ר ע מ ע ר (אַלעקסאַנדער).

אַרקאַדי (אַהרן) קרעמער איז געבוירן געוואָרן אין סווענציאַן, ווילנער גובערניע (1865). זײַן פאָטער איז געווען אַ לערער פון יידישע רעליגיעזע לימודים („זאַקאָן באָזשי“) אין דער אָרטיקער קרײַזשול, שפּעטער איז ער אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע, ווו ער האָט געגעבן לעקציעס פון העברעיִש; אין יענער צײַט איז דאָס שוין געווען אַ סימן פון אַ געוויסער פּראָגרעסיוויקייט. קרעמערס פאָטער איז געווען אַ באַלעזענער מענטש, און אַרקאַדי האָט פון אים געירשנט דעם קלוגן קאָפּ און זײַנע פעסטע מאָראַלישע פּרינציפּן; ער האָט זײַן פאָטער זייער ליב געהאַט, אָבער זעלטן דאָס אַרויסגעוויזן. אַרקאַדיס מוטער איז געווען אַ פּשוטע יידישע פרוי, אויך זייער אַ קלוגע, און פון איר האָט ער געוויס איבערגענומען זײַן פאָלקסטימלעכן הומאָר, מיט וועלכן ער האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט. קיין מער גענויע ידיעות וועגן אַרקאַדיס עלטערן זײַנען מיר ניט באַקאַנט. עס איז געוויס כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער אַלטער קרעמער האָט זײַן זון ניט אָפּגעגעבן אין חדר, און אַרקאַדין איז טאַקע געבליבן פרעמד די חדרשע תורה. אַרקאַדי האָט זיך געלערנט אין סווענציאַנער קרײַזשול, וועלכע ער האָט געענדיקט אין 1877, און איז אַרײַן אין ווילנער רעאַלשול. דאָ האָט זיך בײַ אים אַנטוויקלט זײַן אײַנגעבאָרענע ליבע צו מאַטעמאַטיק און פיזיק. אין דער ווילנער רעאַלשול זײַנען גראָד דעמאָלט געווען אויסגעצייכנטע לערער פון מאַטעמאַטיק און פיזיק, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די תלמידים. שפּעטער, בעת אַרקאַדי איז שוין געווען מיט לײַב און לעבן אַרײַנגעטאָן אין דער באַוועגונג, איז ער אייגנטלעך שטענדיק פאַרבליבן דער מאַטעמאַטיקער. שוין אויף די עלטערע יאָרן, ווי באַקאַנט, האָט ער געענדיקט אַן אינזשינערן-הויכשול אין פראַנקרײַך און פאַרענדיקט האָט ער זײַנע יאָרן ווי אַ לערער פון עלעקטראָ-טעכניק אין ווילנער יידישן טעכניקום.

אין דער ווילנער רעאַלשול האָט זיך אַרקאַדי באַקענט מיט יעקבֿ נאָטקינען, וואָס איז שוין געווען אַ פאַרטיקער „נאַראָדאָוואָלעץ“. צי האָט זיך אַרקאַדי שוין דעמאָלט פאַראינטערעסירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, דאָס האָב איך ניט געקענט פעסטשטעלן; באַקאַנט איז נאָר, אַז זײַענדיק אין 6טן קלאַס האָט ער געגעבן די ישיבֿה-בחורים אומזיסטע לעקציעס פון מאַטעמאַטיק — אין יענע פינצטערע יאָרן איז דאָס שוין אויך געווען אַן אַרבעט, וואָס מען האָט געמוזט טון בשתיקה. סוף זומער 1885 איז אַרקאַדי צוזאַמען מיט נאָטקינען אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג, ווו ער איז נאָך אַ קאָנקורס-עקזאַמען אַרײַנגעטראָטן אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט. זיי האָבן דאָרטן געלעבט אויף איין דירה מיט אַרקאַדיס שוועסטער באַסיע און מיט מאַטילדע (פּאַטי) סרעדניצקי, וועלכע האָבן זיך געלערנט אויף קורסן פון צאָן-דאָקטאָרײַ. אין די פרײַע שעהן פלעגן זיי אַלע צוזאַמען לייענען די רוסישע ליטעראַטור און פירן דיסקוסיעס. אַרקאַדיס בודזשעט איז באַשטאַנען פון 10 רובל אַ חודש, וואָס איז אַפילו פאַר יענער צײַט געווען זייער קנאַפּ.

אַרקאַדי קרעמער איז פאַרבליבן אין פּעטערבורג צוויי יאָר צײַט און איז איבער אַ סיכסוך מיט אַ פּראָפעסאָר אַריבער אין ריגער פּאָליטעכניקום. אין דער צײַט צווישן פּעטערבורג און ריגע האָט ער געדינט אַ יאָר אין מיליטער (ווי אַ „פרײַוויליקער“). אין

ריגע איז ער פֿאַרבליבן ניט לאַנג. ער האָט זיך דאָרט דערנענטערט צו די פּוילישע רעוואָלוציאָנערע קרײַזן און איז אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר זײַנע באַציִונגען מיט די מיט-גלידער פֿון „פּראָלעטאַריאַט", איז אָפּגעזעסן אין וואַרשעווער „פּאַוויאַק" אַ 8–9 חדשים און איז געקומען צוריק קיין ווילנע (אָנהייב 1890). אין ווילנע האָט ער שוין געפֿונען אַ התחלה פֿון אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעהויבן באַקומען איר אייגענעם פּנים. פֿון מײַנע קינדעריאָרן געדענק איך, אַז ער פֿלעגט זײַן אַן אָפֿטער אַרײַנגייער בײַ אונדז אין הויז. מײַנע צוויי ברידער, ישׂראל און שמואל, זײַנען געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג, און דאָס הויז פֿון מײַנע עלטערן איז געוואָרן אַ צענטער, ווו די רעוואָלוציאָנערע יוגנט פֿלעגט זיך צונויפֿקומען. אַרקאַדי איז אַרײַן אין דעם קרײַז און האָט זיך ניט נאָר אײַנגעלעבט אין אים, נאָר איז באַלד געוואָרן די צענטראַלע פֿיגור און האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אים דעם שטעמפּל פֿון זײַן שטאַרקער פּערזענלעכקייט.

די מיטגלידער פֿון דעם קרײַז האָבן תּחילת באַטראַכט זייער אַרבעט אין ווילנע נאָר ווי אַ צײַטווײַליקע, ווי אַ מין צוגרייטונג צו דער קומענדיקער „אמתער" רעוואָ-לוציאָנערער אַרבעט צווישן די רוסישע מאַסן, ווען זיי וועלן זיך אַרויסרײַסן פֿון „תּחום" אין דער ברייטער ניט-ייִדישער וועלט אַרײַן. די דאָזיקע צוקונפֿט-רעוואָלוציאָנערישקייט האָט אָבער באַקומען אַ קלאַפּ פֿון דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט – פֿון די ייִדישע אַ ר ב ע ט ע ר, וואָס האָבן שוין זינט דער צווייטער העלפֿט 80ער יאָרן באַוויזן, אַז זיי זײַנען ניט קיין פּאַסיווע מאַסע. קיין קלאַסנקאַמף אין ברייטן זינען פֿון וואָרט האָבן זיי נאָך דעמאָלט ניט געפֿירט, אָבער זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע שטרעבונג אַרויסצורײַסן זיך פֿון דער שטיקנדיקער אַטמאָספֿער פֿון זייער טאָג-טעגלעכן טרוי-עריקן מצבֿ. באַזונדערס האָבן זיך געריסן צו אַ נײַער וועלט די ייִדישע פֿרויען — די אַרבעטערינס. בעת מאַרטאָוו איז געקומען קיין ווילנע זומער 1893 און האָט זיך צוגע-קוקט צו דער באַוועגונג אין אָנהייב פֿון דער זײַט, האָט ער שוין דאָ געפֿונען עטלעכע אַרטעלן פֿון ייִדישע אַרבעטער. די דאָזיקע אַרטעלן האָבן עקסיסטירט נאָך פֿון סוף די 80ער יאָרן און זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט די נעמען פֿון נאָוואָפּליאַנסקי, יודעלעווסקי און נאָך אַ פּאָר געצייילטע אינטעליגענטן און אויך פֿון אַ זייער קלוגער און אינטעלי-גענטער פֿרוי, מיט אַ זעלטן גוט האַרץ. געהייסן האָט זי ש יי נ ע וו אַ ל ק. צו דער צײַט שוין אַן עלטערע פֿרוי, האָט זי געהאָלפֿן גרינדן דעם אַרטעל פֿון זאָקן-מאַכערינס; געטאָן האָט זי דאָס אָן שום רעוואָלוציאָנערע כּוונות, נאָר פֿון גוטסקייט וועגן. קיין גענויערע ידיעות וועגן דעם דערמאָנטן אַרטעל האָב איך ניט געפֿונען און איך ווייס ניט, צי זײַנען נאָך פֿאַרבליבן בײַם לעבן אָנטייל-נעמער און טוער.

ווי פּרימיטיוו די דאָזיקע באַוועגונג איז ניט געווען, האָט זי געמוזט ווענדן אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער און באַזונדערס — פֿון דער מאַרק-סיסטישער אינטעליגענץ און צוציִען זיי מער צו דער ערד, צום רעאַלן לעבן פֿון די ייִדישע אַרבעטער, מיט וועלכע זיי האָבן שוין פֿריִער געהאַט פֿאַרבינדונגען. נאַטקין, יאָגיכעס, ליובע אַקסעלראָד און אייניקע אַנדערע האָבן שוין פֿון פֿריִער געפֿירט פּראָ-פּאַגאַנדע אין די ווילנער ייִדישע אַרבעטער-קרײַזלעך; אין 1888 עקסיסטירן שוין אַרבעטער-קאַסעס בײַ די ווילנער דרוקער-אַרבעטער, זאָקן-מאַכערינס, שנײַדערס, שלאָסערס און אַנדערע, וואָס זײַנען דירעקט אָדער אומדירעקט אָנגעפֿירט געווען דורך אינטעליגענטן. בעת מײַן עלטערער ברודער, ישׂראל פּעסקין, איז ווי אַ סטודענט געקומען קיין ווילנע אויף די ווינטער-וואַקאַציעס 1890 — 1891, האָט ער שוין דאָ געפֿונען אַן אָרגאַניזירטע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע גרופּע מיט אַרקאַדי קרעמער ווי אַ צענטראַלע פֿיגור.

מיט וואָס דערקלערט זיך וואָס קרעמער האָט פֿון אָנהייב אָן פֿאַרנומען אַזאַ וויכטיקן אָרט אין דער גרופּע?

אויף אָט דער פֿראַגע שטעלן זיך אָפּ אַלע, וואָס האָבן וועגן קרעמערן געשריבן און ספּעציעל — פּ. קורסקי. פֿאַר וואָס האָט יאָגיכעס דווקא א י ם אויסגעקליבן צו געבן

סמיכה, הגם יאָגיכעס איז, ווי באַקאַנט, געווען אַ גרויסער איבערקלײַבער אין מענטשן
און ניט אַזאַ, מיט וועמען ס'איז לײַכט געווען זיך אײַנצולעבן? אַ קלאָרן און אויטאָרי-
טעטן ענטפֿער דערויף קען געבן נאָר איין מענטש — פּאַטי, קרעמערס פֿרוי. פּאַטי אַליין
געהער אויך צו די לעגענדאַרע פֿיגורן פֿון יענער צײַט. אין איר פֿאַמיליע, דעם מעל-
הענדלער סרעדניצקי, ווו איך בין געווען אַן אָפֿטער אַרײַנגייער (איר ייִנגסטער ברודער
איז געווען מײַן חבֿר אין חדר), האָבן אַלע, פֿון די עלטערע ביז די ייִנגערע, געקוקט
אויף איר פֿון אונטן אַרויף און גערעדט וועגן איר מיט גרויס רעספּעקט. זי האָט
געהאַט אין זיך — און האָט עס איצט אויך — אַ זעלטענעם געפֿיל פֿון מענטשלעכקייט,
און דאָס דערקלערט זיך אפֿשר דערמיט, ווי זי פֿלעגט מיר שפּעטער דערציילן, וואָס זי
האָט געהאַט גוטע קינדער-יאָרן. געוויס האָט פּאַטי ניט ווייניק געהאָלפֿן גלאַטער צו
מאַכן די שאַרפֿע ווינקלען פֿון אַרקאַדיס נאַטור, און דאָס איז איר מסתּמא אָנגעקומען
ניט לײַכט. איך ווייס ניט, צי איז אַרקאַדי לויט זײַן כאַראַקטער נאָך געווען באַשיידן;
איך מיין גיכער, אַז ניט, אָבער ער איז געווען, ווי מען רופֿט עס אין פֿראַנצייזיש,
timide — אַ צוריקגעהאַלטענער, אין זיך אײַנגעשלאָסענער, און ווי שטענדיק בײַ
אַזעלכע מענטשן פֿלעגן די ווערטער בײַ אים אָפֿט אויסקומען האַרטער ווי די כּוונה,
און מ'האָט געקענט זען בייזקייט דאָרט, ווו ס'איז אין תּוך געווען האַרציקע גוט-
מוטיקייט. בכדי צו קענען צונויפֿשמעלצן די פֿאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן פֿון די רעוואָ-
לוציאָנערע קרײַזלעך, האָט מען באַדאַרפֿט זײַן אַ זעלטן קלוגער, האַרציקער און בלבֿ
ונפֿש איבערגעגעבענער טוער. און אַזאַ איז געווען אַרקאַדי קרעמער. אָבער ניט נאָר
מיט זײַנע פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן אַליין קען מען דערקלערן זײַן ווירקונג.

הגם ווילנע איז געווען אַ קולטור-צענטער, איז זי דאָך געווען אַ פּראָווינץ-
שטאָט, בעת דער האָריזאָנט פֿון דער טרוימענדיקער ווילנער יוגנט איז געווען די גאַנצע
וועלט. צווישן אָט דער ברייטער וועלט און צווישן ווילנע איז געווען אַ היפּשער מהלך,
וועלכער איז פֿאַר די ווילנער טוער געווען גאַנץ נעפּלדיק. נעפּלדיק איז אויך געווען
דער באַגריף וועגן דעם קאָנקרעטן אינהאַלט פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער
אַרבעט. ווי אַזוי דאַרף מען אָנווענדן די מאַרקסיסטישע טעאָריע אין פּראַקטישן לעבן
און בפֿרט אין דער אַרבעטער-באַוועגונג? וועגן דעם האָבן די ווילנער מאַרקסיסטן אין
יענער צײַט קוים געהאַט אַ השגה. מ'האָט גאַנצענע נעכט פֿאַרבראַכט אין באַקעמפֿן
דעם נאַראָדנישן „סוביעקטיוון מעטאָד אין דער געשיכטע", אָבער ס'איז שווער געווען צו
באַנעמען, ווי אַזוי מען דאַרף פֿירן אַ מאַסן-באַוועגונג דאָרט, ווו קיין אַרבעטער-
קאָנצענטראַציע און קיין גרויסע פֿאַבריקן זײַנען ניט געווען בנמצא. קרעמער איז
געקומען קיין ווילנע מיט אַ גאַנץ גרויסן טעאָרעטישן און אויך פּראַקטישן באַגאַזש;
ער האָט ניט בלויז דורכגעמאַכט, ווי אַלע, דעם איבערגאַנג פֿון דער נאַראָדנישער
טעאָריע צום מאַרקסיזם, נאָר ער האָט דירעקט אָדער אומדירעקט געהאַט די מעג-
לעכקייט צו באַקענען זיך מיטן גרויסשטאָטישן אַרבעטער: ער האָט געוווינט אין
פּעטערבורג און האָט זיך דורך זײַן חבֿר נאָטקין געטראָפֿן מיט רוסישע פֿאַבריק-
אַרבעטער,[10] שפּעטער האָט ער געלעבט אויך אין אַזאַ אינדוסטריע-צענטער ווי ריגע.
אמת, ווי קרעמער דערציילט, איז ער ניט אין אַלץ געווען מסכּים מיט נאָטקינען, אָבער
די ערפֿאַרונגען אין די גרויסע שטעט האָבן באַשטימט ברייטער געמאַכט זײַן האָריזאָנט,
און אין ווילנע האָט מען אויף אים געקוקט ווי אויף אַ געניטן רעוואָלוציאָנער און אַ
פּראַקטישן טוער, וואָס האָט געקענט אָנווײַזן, ווי אַזוי דורכצופֿירן אין לעבן די מאַרק-
סיסטישע פֿאָרמולעס. ווי ישׂראל פּעסקין דערציילט, האָבן די ווילנער קרײַזלעך פֿון
קרעמערן באַקומען דעם באַגריף, וואָס איז אַזוינס אַ מאַסאָווע אַרבעטער-באַוועגונג. עס
איז אויך מעגלעך, אַז אַ געוויסע ווירקונג האָט געהאַט קרעמערס טעאָרעטישער

10 פֿ"גל די נאָטיץ אין דעם באַנד וועגן יעקבֿ נאָטקין.

באַגאַזש, און דווקא ניט אין סאָציאַלע פֿראַגן, נאָר גראָד אין מאַטעמאַטיק און פֿיזיק, וואָס האָבן אים אויסגעלערנט צו טראַכטן קריטיש און קאָנקרעט. איין מאָל האָט ער פֿאַר מײַן ברודער אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז פֿאַר דער ווילנער אינטעליגענץ (וועלכע האָט דאָך דורכגעמאַכט אַ מיטלשול) וואָלט מען פֿריִער פֿאַר אַלץ באַדאַרפֿט האַלטן לעקציעס וועגן פֿיזיק, — און אַזוי האָט ער, דוכט מיר, טאַקע געטאָן.

מיט קרעמערס באַזעצן זיך אין ווילנע (1890) הייבט זיך אָן אַ נײַע תקופֿה אין דער באַוועגונג. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך האָט זי געהאַט וואָרצלען פֿון פֿריִער, אָבער אַ דאַנק אים האָט זי איצט באַקומען מער דעם כאַראַקטער פֿון אַן אַרבעטער-באַוועגונג און האָט זיך מיט ביידע פֿיס געשטעלט אויפֿן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן באָדן. זי האָט דערזען אין דעם ייִדישן אַרבעטער ניט נאָר אַן אינסטרומענט צו רעוואָלוציאָניזירן די רוסישע אַרבעטער, נאָר אַ ציל פֿאַר זיך, אַ דירעקטן טרעגער פֿונעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, גלײַך מיט די אַרבעטער פֿון דער גאַנצער וועלט. עס קאָן שטאַרק געמאָלט זײַן, אַז דער דאָזיקער געדאַנק האָט זיך נאָך דעמאָלט ניט אויסקריסטאַליזירט, נאָר ערשט שפּעטער, ווען ס'איז אַרויס פּלעכאַנאָווס באַקאַנטע בראָשור „וועגן די אויפֿגאַבעס פֿון די סאָציאַליסטן אין קאַמף קעגן הונגער אין רוסלאַנד“, ווו ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן די נייטיקייט פֿון אַ פּאָליטישער מאַסן-אַגיטאַציע צווישן אַרבעטער און פּויערים; פּלעכאַנאָווס בראָשור האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה ניט נאָר אויף די רוסישע, נאָר אויך אויף די ייִדישע סאָציאַליסטן.[11]

פֿאַר דער גרופּע ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן זיך געשטעלט נײַע אויפֿגאַבעס, ענלעך צו די אויפֿגאַבעס פֿון די רוסישע חבֿרים, אָבער אין אַן אַנדער, מער קאָמפּליצירטער פֿאָרם מחמת דער פֿראַגע פֿון שפּראַך, ייִדישער רעכטלאָזיקייט און דער אייגנאַרטיקייט פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט געאַרבעט אין קליינע וואַרשטאַטן.

דער צוזאַמענשטעל פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער גרופּע אין ווילנע האָט זיך אין אָנהייב די 90ער יאָרן געענדערט און איז שטאַרק אויסגעברייטערט געוואָרן. צווישן די פֿירער זײַנען חוץ אַרקאַדי קרעמערן, וואָס איז געשטאַנען בראש פֿון דער גאַנצער אַרבעט, געווען אויך גאָזשאַנסקי, וואָס איז געקומען צו דער באַוועגונג אַ ביסל שפּעטער (1891). געענדיקט דעם ווילנער לערער-אינסטיטוט, האָט ער תּחילת געוואָלט זיך אָפּגעבן מיט זײַן פּעדאַגאָגישער פּראָפֿעסיע, אָבער ער איז אַרײַן אין דער באַוועגונג און האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן פֿאַר זייער אַ טיכטיקן טוער, אַן אַרבעטספֿעיִקן, מיט גאַנץ גרויסע קענטעניש. און נאָך אַ מעלה האָט ער געהאַט, וואָס איז געווען זייער וויכטיק — ער האָט געקענט ייִדיש אַ סך בעסער פֿון די אַנדערע. דערצו האָט ער געהאַט אַ געוויסע וואָג אין דער ווילנער געזעלשאַפֿט, ווײַל ער איז געווען אַ לערער אין אַ שול. גאָזשאַנסקי איז געווען אַ מענטש פֿון אַן אייגנאַרטיקן און עקשנותדיקן מין דענקען, אָפֿט אַ פּאַראַדאָקסאַלן; ער איז געווען דאָס וואָס די ענגלענדער רופֿן „אַ מענטש פֿון איין אידעע“, וועלכער ער גיט זיך אָפּ מיטן גאַנצן ברען, אַפֿילו ווען דאָס איז פּונקט דער היפּך פֿון דעם, אין וואָס ער האָט געגלייבט נעכטן. אַ גלענצנדער פּעדאַגאָג (ער איז אַגבֿ געווען מײַן לערער), האָט ער געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף זײַנע תּלמידים און צוהערער. איצט איז גאָזשאַנסקי, ווי באַקאַנט, אַ קאָמוניסט, און אין זײַנע זכרונות וועגן דעם אָנהייב פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג

11 פֿ״גל וואָס עס האָט דערציילט וועגן דעם אין זײַנע זכרונות גאָזשאַנסקי: „אין דער צײַט האָבן מיר באַקומען פּלעכאַנאָווס בריוו וועגן הונגער. אין דער בראָשור האָט פּלעכאַנאָוו אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אויף וויפֿל ס'איז נייטיק די אַגיטאַציע אויף דעם באָדן פֿון די אַלטעגלעכע אינטערעסן. די בראָשור האָט געמאַכט אַ גאַנצן רושם. מיר האָבן געזען, אַז אונדזערע קרײַזלעך פֿאַרוואַנדלען זיך אין קולטורעלע, אָבער ניט אין רעוואָלוציאָנערע“; זע „אַרבעטער-שטימע“, נר' 45. פּלעכאַנאָווס בראָשור האָט דערשינען אין 1892, א״נ: О задачах социалистов в борьбе с голодом в России (זשענעווע).

באַקלאָגט ער זיך, אַז דער הויפּטאומגליק פֿון דעם „פּאַלשן וועג" — דאָס מיינט דעם בונדישן — איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די באַוועגונג האָט פֿון אָנהייב אָן ניט געהאַט קיין גוטע פֿירער, אַ שטייגער — ווי לענין...[12]

עס איז אוממעגלעך זיך אָפּצושטעלן דאָ אויף אַ גאַנצער ריי אַנדערע טוער, וואָס האָבן דעמאָלט אָנגעפֿירט די באַוועגונג. איך וויל נאָר דערמאָנען: איסײַ אײַזנשטאַט, מאַטילדע (פּאַטי) קרעמער, ליובע אײַזנשטאַט, דזשאָן מילל, טימאָפֿעי קאָפּעלזאָן, נח פּאָרטנאָי, שמואל פּעסקין, צילע קאַרטשמער, יאַקאָוו לאַכאָווסקי, רעוועקאַ לאַס, פּאָלינע גאָרדאָן א״וו, וועלכע האָבן אין דער ערשטער העלפֿט פֿון די 90ער יאָרן געאַרבעט אין ווילנע. שפּעטער, אין 1894, איז צוגעקומען וולאַדימיר קאָסאָווסקי און אַ ביסל פֿריִער — מוטניק (גלעב). אינעם איבערגאַנג פֿון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע האָבן די באַדײַטיקסטע ראָלע געשפּילט קרעמער און גאָזשאַנסקי און מיטגעהאָלפֿן האָט מאַרטאָוו, וועלכער האָט פֿאַרבראַכט איבער צוויי יאָר אין ווילנע,[13] וווּהין ער איז פֿאַרשיקט געוואָרן פֿון פּעטערבורג און ווו ער האָט באַלד פֿאַרנומען אין דער אָנפֿיר־גרופּע אַן אָנגעזעענעם אָרט.

די באַוועגונג האָט אויך אויסגעאַרבעט אַ טיפּ פֿון אַ טוער, וואָס איז געקומען פֿון די אַרבעטער־רייען גופֿא, וואָס האָט גוט געקענט דאָס אַרבעטער־לעבן און איז געוואָרן אַן אַנטוויקלטער אַגיטאַטאָר. צו דעם טיפּ האָבן געהערט, למשל אַזעלכע ווי שלמה מענאַקער, צבֿיה הורוויטש, צילע וואַלק, הירשע סאָראָקא („דער הובל"), דער טרויעריק באַרימטער ישׂראל־מיכל קאַפּלינסקי א״אַ. דורך אָט דעם אַרבעטער־קאַדער האָט די אינטעליגענטן־גרופּע געווירקט אויף דער ברייטער מאַסע. אין דער באַוועגונג זײַנען אויך אַרײַן (אין דער צווייטער העלפֿט 90ער) אַ ריי געוועזענע שילער פֿון די ווילנער האַנטווערקער־שולן, ווי ליפּשיץ, פֿראַנקפֿורט, לעאָן גאָלדמאַן, וואָס פֿון זיי זײַנען די לעצטע צוויי שפּעטער פֿון דער ייִדישער באַוועגונג אַוועק.[14] עס זײַנען אויך אויסגעוואַקסן אַ ריי טוער, וואָס האָבן געהערט צו די אַזוי גערופֿענע „האַלבע אינטעליגענטן" און וואָס זייער גאַנצע פֿאָרמירונג איז געווען גאָר אַן אַנדערע ווי בײַ די אינטעליגענטן אָדער די אַרבעטער. דאָס זײַנען געווען אָדער קלויזניקעס אָדער בחורים און מיידלעך, וואָס זײַנען געקומען קיין ווילנע זוכן בילדונג און צושלאָגן זיך צו אַ שטיקל תּכלית; זיי זײַנען אָבער אַרײַן מיט לײַב און לעבן אין דער באַוועגונג און דאָ האָבן זיי געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע. קודם־כּל איז ייִדיש געווען זייער אומגאַנגשפּראַך און אויך לויט זייער שטייגער לעבן זײַנען זיי געשטאַנען נעענטער צו דער ייִדישער מאַסע און האָבן געהאַט אַ בעסערן צוטריט צו די אַרבעטער־קרײַזן. אין יענער צײַט האָבן זיי ניט געהערט צו דער אָנפֿיר־גרופּע, אָבער שפּעטער האָבן אַ סך פֿון זיי געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין „בונד" און אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. צו דער גרופּע דאַרף מען צורעכענען דעם ניט לאַנג פֿאַרשטאָרבענעם מאַקס טאָביאַש, ראָזענבערג, באַסקין, צעמאַכאָוויטש, שוועץ, לעאָן בערנשטיין; צו דער גרופּע געהערן

---

12 אינעם ציט׳ ז״ב Рев. движение среди евреев, ז׳ 92.

13 פֿון זומער 1893 ביז האַרבסט 1895.

14 בײַ דער געלעגנהייט וויל איך פֿאַרריכטן אַ טעות אין מאַרטאָווס „זכרונות פֿון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט" (ז׳ 207): לעאָן גאָלדמאַן איז אַרעסטירט געוואָרן ניט איידער ער איז אַרײַן אין מיליטער־דינסט, נאָר בעת ער האָט שוין געדינט אין ניזשני־נאָווגאָראָד. ער איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין ווילנע, ווו ער איז צוגעצויגן געוואָרן צום פּראָצעס פֿון פּוילישן „זוויאָנזעק ראָבאָטניטשי". נאָך דעם ווי ער איז לאַנג געזעסן, איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער ווילנער באַן, אין אַ באַגלייטונג פֿון אַן אונטער־אָפֿיציר, צוריק אין זײַן פּולק; מיט דער הילף פֿונעם שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו אַנטלויפֿן פֿון דער סטאַנציע, איידער דער צוג איז אָפּגעפֿאָרן; אַ געוויסע צײַט האָט ער זיך אויסגעבאַהאַלטן, האָט דערנאָך פֿאַרלאָזן ווילנע און איז געוואָרן אַן אומלעגאַלער.

אייגנטלעך אויך אַזעלכע טוער ווי אַ. ליטוואַק און אַ. זעלדאָוו-ניעמאַנסקי. אין די זומער-חדשים פּלעגן קיין ווילנע אַראָפּקומען אייניקע סטודענטן (י. לעווין, יעקבֿ לאַכאָווסקי, איליאַ ראַם, סעליבער, לוריע, שטעסעל), וועלכע פּלעגן דאָס רובֿ אַרבעטן ווי אָנפֿירער פֿון פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרײַזלעך. בעת עס האָבן זיך געגרינדעט די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן", ווו עס האָבן געאַרבעט פּאַוועל ראָזענטאַל, אַננאַ העלער (ראָזענטאַלס פֿרוי), צילע קליס, שאַטנשטיין, עווא וויטקינד, האָבן די מיטגלידער פֿון דער דערמאָנטער סטודענטישער גרופּע זיי געהאָלפֿן אין דער אַרבעט.

## III

אין דער תּקופֿה פֿון 1893 — 1894 האָט זיך די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט קאָנ-צענטרירט אויפֿן איבערגאַנג פֿון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע, וועלכער האָט אַרויסגערופֿן אַ טיפֿן קריזיס אין די אַרבעטער-קרײַזן, באַקאַנט אונטערן נאָמען די „אָפּאָזיציע".

מיר האָבן געזען, אַז די אידעע פֿון אַ מאַסן-באַוועגונג איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אין די ווילנער קרײַזן דורך קרעמערן. זי איז אָבער גענומען געוואָרן נישט פֿון דער לופֿט; אין יענער צײַט האָט שוין עקסיסטירט אַ גאַנץ שטאַרקע שטרײַק-באַוועגונג — און שטרײַקערס זײַנען דאָך ווײַט ניט אַלע באַוווסטזיניקע סאָציאַליסטן. אין יאָר 1892 האָט גאָזשאַנסקי אויסגעגראָבן אַן אַלטן געזעץ פֿון קאַטערינע דער צווייטערס צײַטן, לויט וועלכן בעלי-מלאָכות דאַרפֿן אַרבעטן נאָר 12 שעה אַ טאָג. דאָס איז געוואָרן אַ מין לאָזונג פֿאַר די ייִדישע אַרבעטער אין זייער קאַמף פֿאַר אַ פֿאַרקירצטן אַרבעטסטאָג, שטיצנדיק זיך אויף דעם דאָזיקן געזעץ. אויסער דעם האָבן די אַרבעטער געשטרײַקט אויך פֿאַר העכערע שׂכירות און אַנדערע עלעמענטאַרע פֿאָדערונגען, צווישן זיי איז זייער כאַראַקטעריסטיש די פֿאָדערונג פֿון „מענטשלעכער באַהאַנדלונג" — אַ צייכן פֿון מאָראַלישן און אינטעלעקטועלן וווּקס פֿונעם פֿריִער דערשלאָגענעם ייִדישן אַרבעטער. דאָס אַלץ האָט געמוזט אַרײַנטראָגן אַן ענדערונג אינעם אינהאַלט פֿון דער סאָציאַליסטישער אַרבעט. אַנשטאָט צו געבן די אַרבעטער „אַנטוויקלונג" און האָדעווען זיי מיט „גראַמאַטע" און מיט דער רוסישער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור, וואָס האָט אָפּגענומען די גאַנצע צײַט און אַלע כּוחות בײַ די אינטעליגענטן און די אַרבעטער, איז איצט די הויפּט-אויפֿמערקזאַמקייט געווענדט געוואָרן אויפֿן פּשוטן מאַסאָוון אַרבעטער. קיין ליטעראַטור אין ייִדיש איז נאָך דעמאָלט כּמעט ווי נישט געווען, די פּראָפּאַגאַנדע-ליטעראַטור (אויסער אייניקע אַמעריקאַנער בראָשורן, וואָס זײַנען לויט זייער אינהאַלט און שפּראַך געווען ווייניק צוגעפּאַסט פֿאַרן ייִדישן אַרבעטער אין ליטע) האָט מען באַדאַרפֿט ערשט שאַפֿן; וועגן ערנסטע סאָציאַליסטישע ביכער אויף ייִדיש האָט מען נאָך אַפֿילו נישט געחלומט.

ווי מאַרטאָוו דערציילט, האָבן אייניקע טוער (ער אַליין — אין פּעטערבורג, אײַזנשטאַט — אין אָדעס, אַנדערע — אין כאַרקאָוו, מאָסקווע און קיִעוו) פֿעסטגעשטעלט, אַז דאָרטן איז די אַרבעטער-באַוועגונג אַ סך מער אָפּגעשטאַנען פֿון דער ווילנער. אין דער זעלביקער צײַט האָבן די ווילנער טוער דערפֿילט, אַז זיי זײַנען אַרײַן אין אַ טעמפּן ווינקל: מ'האָט אויסגעלערנט הונדערטער אַרבעטער רוסיש, מ'האָט זיי אַנטוויקלט, אויפֿגעהויבן זייער קולטורעלן ניוואָ, אָבער — צי אין דעם באַשטייט אַן אמתע רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישע אַרבעט? אַזוי איז געשטעלט געוואָרן די פֿראַגע אין דער אָנפֿיר-גרופּע. נאָך לאַנגע וויכּוחים איז מען געקומען צום געדאַנק, אַז מ'דאַרף אַריבער פֿון פּראָפּאַגאַנדע צו מאַסן-אַגיטאַציע. חוץ געוויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע ענדערונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו ענדערן אויך דעם אינהאַלט און די פֿאָרם פֿון דער פּראָפּאַגאַנדע און צו פֿירן די אַרבעטער-קרײַזלעך אין י י ד י ש. דאָס האָט אָבער פֿאַר אַ גרויסער צאָל אַרבעטער געהייסן אַרויסגעשטופּט צו ווערן פֿון די קרײַזלעך און אויפֿהערן צו באַקומען זייער אַנטוויקלונג אין רוסיש. ווענדן זיך צו דער פּשוטער אַרבעטער-מאַסע האָט



אַרקאַדי קרעמער
(אין די יונגע יאָרן)



פאַטי סרעדניצקי־קרעמער

באַטײַט אין אַ געוויסער מאָס צו פֿאַרפֿלאַכן די תּורה, מיט וועלכער מ׳פֿלעגט קומען צו איר. פֿאַר די אַנטוויקלטע אַרבעטער האָט זיך געשטעלט גאָר אַ נײַע אויפֿגאַבע: ווערן אין דערווירקלעכקייט דער בריק צווישן די אינטעליגענטן און צווישן די מאַסן, ווערן דאָס ניט אין דער צוקונפֿט, ניט אין טעאָריע (דאָס האָט מען פֿון שטענדיק אָנערקענט), נאָר טאַקע באַלד.

אין אַ געוויסער מאָס האָט מען שוין פֿון פֿריִער פֿאַרשמעלערט די אַרבעט אין די פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרײַזלעך און מ׳איז אַריבער פֿון רוסיש אויף ייִדיש, איצט אָבער האָט מען דאָס אָנגענומען ווי אַ פּרינציפּ, ווי אַ כּלל. ניט קענען קיין רוסיש האָט פֿאַר די אַרבעטער אין יענער צײַט געהייסן פֿאַרמאַכן זיך די טיר צו בילדונג, צו „ראַזוויטיע“, ווי מ׳האָט דעמאָלט געזאָגט, — און דאָס האָט געמוזט אַרויסרופֿן אַ רעאַקציע בײַ די שוין אַרײַנגעצויגענע אין דער באַוועגונג. אין דעם, וואָס אָט די רעאַקציע האָט אָנגענומען אַ שאַרפֿע פֿאָרם, איז געוויס שולדיק דער כאַראַקטער פֿון דער פֿריִערדיקער אַרבעט, און אפֿשר טאַקע די נאַראָדאָוואָלישע טראַדיציעס, בעת מ׳האָט מער אַכטונג געגעבן אויף דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג, אויף אויסאַרבעטן, לויט מירטאָוו־לאַוראָווס נוסח, אַ „קריטיש דענקענדיקע פּערזענלעכקייט“, איידער אַ לעבעדיקן אַרבעטער־טוער, וואָס איז ענג פֿאַרבונדן מיט זײַן סבֿיבֿה. עס איז אויך מעגלעך, אַז מ׳האָט געוואָלט דורכפֿירן דעם איבערגאַנג צו דער נײַער טאַקטיק צו גיך, צו האַסטיק, וואָס עס איז אויך געווען אַ סימן פֿון „טעאָרעטישקייט“. בכל אופֿן איז די רעאַקציע מצד די אַרבעטער געווען אַזאַ שאַרפֿע, אַז דער צענטראַלער קרײַז איז פֿאַרבליבן אַליין — גענעראַלן אָן אַן אַרמיי. ווי גאָזשאַנסקי און אַנדערע דערציילן, זײַנען אויף אייניקע פֿאַרזאַמלונגען פֿון די אַרבעטער די אינטעליגענטן פֿאַרבליבן ממש אַליין, אין פּשוטן פּשט פֿון דעם וואָרט, ווײַל אַלע אַרבעטער האָבן די פֿאַרזאַמלונגען פֿאַרלאָזן.

ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פֿאַלן, האָט זיך געפֿונען אַ פֿירער, וואָס האָט ניט נאָר אויסגעדריקט די אומצופֿרידנקייט פֿון די אַרבעטער, נאָר האָט געפּרוּווט זי טעאָרעטיש צו באַגרינדן. אַזאַ פֿירער האָט זיך געפֿונען אין דער פּערזאָן פֿון דעם גראָווירער אַבֿרהם גאָרדאָן („רעזטשיק“), וועלכער האָט אין אַ ריי פּאַמפֿלעטן, געשריבן געוויינטלעך אין רוסיש („בריוו צו אינטעליגענטן“ וכדומה),[15] באַשולדיקט די פֿירער, אַז זיי ווילן מיט אַ כּיוון ניט געבן די אַרבעטער קיין בילדונג, בכדי בעסער צו קענען איבער זיי געוועלטיקן. פֿון די דאָזיקע בריוו—דאָס רובֿ געשריבענע און אייניקע העקטאָגראַפֿירטע — איז דוכט זיך קיין איינער צו אונדז ניט דערגאַנגען. מיר געדענקט זיך, אַז דער מאָטאָ פֿון דער „אָפּאָזיציע“ איז געווען: „די באַפֿרײַונג פֿון די אַרבעטער איז די זעלבשטענדיקע און באַוווסטזיניקע זאַך פֿון די אַרבעטער אַליין“; מיט צוגעבן צו מאַרקס׳ און ענגעלס׳ זאַץ די צוויי אַדיעקטיוון „זעלבשטענדיקע“ און „באַוווסטזיניקע“ האָט אַ. גאָרדאָן געוואָלט אונטערשטרײַכן זײַן כּוונה. דער קאַמף קעגן דער אינטעליגענץ און אויך פּערזענלעך קעגן קרעמערן איז, ווי געזאָגט, געווען זייער אַ שאַרפֿער.[16] צו גאָרדאָנען זײַנען צוגעשטאַנען אַפֿילו מאַסאָווע אַרבעטער און אויך „האַלבע אינטעליגענטן“, פֿאַר וועלכע עס האָט זיך אַגבֿ געעפֿנט אַ ברייטע מעגלעכקייט צו דינען ווי אַ „במקום“ פֿון דעם אינטעליגענט. טיילווײַז איז די „אָפּאָזיציע“ אונטערגעהאַלטן געוואָרן זומערצײַט דורך די עטלעכע געקומענע סטודענטן; מ׳האָט אויך געמאַכט אַ פּרוּוו אויסצונוצן גאָר יונגע שילער פֿון די מיטלשולן. אָבער פֿון די אַלע פּרוּוון איז זייער ווייניק אַרויסגעקומען, און בהדרגה האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן קומען צוריק אין דער באַוועגונג.

---

15 די רשימה פֿון די רעדעס און בריוו פֿון דער אָפּאָזיציע זע אין די „ידיעות פֿון ייִוואָ“, נו׳ 4—5, אַפּריל — מײַ 1937. — רעד׳.

16 דער גורל האָט געוואָלט, אַז אין אַ 10—12 יאָר אַרום זאָלן קרעמער און אַ. גאָרדאָן אַרײַנפֿאַלן אין טורמע און זיצן אין איין קאַמער...

דאָס לעבן האָט פֿון די אַגיטאַטאָרן געפֿאָדערט קאָנקרעטע אַרבעט צווישן דער מאַסע. צו העלפֿן זיי אָריענטירן זיך אין דער נײַער טאַקטיק איז געווען דער צוועק פֿון די צוויי דעמאָלט אַרויסגעלאָזטע שריפֿטן: גאָזשאַנסקיס „בריוו צו די אַגיטאַטאָרן"[17] און קרעמערס „וועגן אַגיטאַציע". וועגן די ביידע שריפֿטן איז שוין גענוג געשריבן געוואָרן. גאָזשאַנסקיס בריוו איז געווען אַ מער פּראַקטישער, קרעמער האָט די פֿראַגע באַהאַנדלט אין אַ מער אַלגעמיינער פֿאָרם. גאָזשאַנסקיס בריוו איז אָנגענומען געוואָרן אין דער אָנפֿיר-גרופּע; וואָס איז נוגע קרעמערס בראָשור זײַנען אירע גרונדגעדאַנקען אָנגענומען געוואָרן נאָר ווי אַ באַזע, און מאַרטאָוו האָט אַרײַנגעטראָגן אין איר ריין סטיליסטישע אויסבעסערונגען. אין די זכרונות פֿון יענער צײַט ווערט אָנגעוויזן, אַז קרעמערס בראָשור איז פֿון דער ווילנער גרופּע ניט אָנגענומען געוואָרן און איר פֿאַרשפּרייטונג האָט זי באַקומען צופֿעליק. די ווירקונג פֿון דער דאָזיקער בראָשור האָט איבערגעשטײַגט די ציִלן פֿון איר מחבר. ווי קרעמער האָט מיר דערציילט (אין בערלין — אין 1905 און אין פּאַריז — 1920), האָט ער געוואָלט נאָר אָנמערקן אַ פּלאַן פֿון דער אָרטיקער אַרבעט, אַרויסגייענדיק פֿון די קאָנקרעטע תּנאים, אין וועלכע עס איז אויסגעקומען צו פֿירן די ייִדישע אַרבעט. די בראָשור איז אין מאַנוסקריפּט פֿונאַנדערגעשיקט געוואָרן (מיר דוכט אַפֿילו אָן דעם וויסן פֿון מחבר) אין אייניקע רוסישע שטעט און אַ ביסל שפּעטער איז זי אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אויסלאַנד, ווו מ'האָט זי באַטראַכט ווי די פּראָגראַם פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם „עקאָנאָמיזם".[18]

כּדי צו פֿאַרענדיקן מיט דעם דאָזיקן פּעריאָד וויל איך נאָר דערמאָנען וועגן דער „צווייטער אָפּאָזיציע", וועלכע איז אויסגעוואַקסן מיט אַ יאָר אָדער מער שפּעטער און וועלכע איז אַ סך ווייניקער באַקאַנט ווי די ערשטע. זי האָט געהאַט אַ מער אָרגאַניזאַציאָנעלן יסוד: די אַרבעטער, וואָס זײַנען אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין די קאַסעס אין קאַמף מיט די בעלי-בתּים, האָבן זיך שוין געפֿילט פֿעסטער אויף די פֿיס, האָבן געוואָלט האָבן אַ גרעסערע השפּעה אויף דער אָנפֿירונג און דערקלערט אַ קאַמף דעם „דעספּאָטיזם" פֿון די אינטעליגענטן. גראָד איז דאָס געווען אַ צײַט פֿון עקאָנאָמישן קריזיס און די שטרײַקן האָבן שוין געהאַט אַ סך קלענערע הצלחה. אויסגעלאָזט האָט זיך דערמיט, וואָס די אַרבעטער זײַנען אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אין קאָמיטעט, און ניט קיין אַנדערער ווי קרעמער אַליין האָט דערצו מיטגעהאָלפֿן. אין די זכרונות פֿון הלל קאַץ-בלום[19] ווערט דערציילט, אַז בײַ די וואַלן אין קאָמיטעט האָט אַרקאַדי אין זײַן באַריכט דערקלערט, אַז עס זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן ווייניק אַרבעטער און דער קאָמיטעט פֿאַרלאַנגט נײַע וואַלן; עס זײַנען דעמאָלט אַרײַן אין קאָמיטעט הירשע סאָראָקאַ, קאַפּלינסקי און הלל קאַץ.

מיט דער ליקווידאַציע פֿון דער „אָפּאָזיציע" האָט זיך די ווילנער גרופּע ענדגילטיק געשטעלט מיט ביידע פֿיס אויפֿן גרונט פֿון אַ מאַסן-באַוועגונג. דערמיט איז אויך בולטער געוואָרן איר ייִדישער כאַראַקטער, וואָס האָט שפּעטער באַקומען די פֿאָרם פֿון „בונדיזם". די דאָזיקע טענדענץ האָט געפֿונען איר אויסדרוק אין מאַרטאָווס באַקאַנטער רעדע דעם 1טן מאַי 1895, וואָס איז שפּעטער אַרויס ווי אַ בראָשור אונטערן נאָמען „דער ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג".[20] אַז דאָס איז ניט געווען נאָר מאַרטאָווס שטעלונג אַליין, איז צו זען שוין דערפֿון, וואָס אויך אַנדערע האָבן דעמאָלט גערעדט וועגן דער נייטיקייט פֿון „ייִדישע פֿאָדערונגען",

---

17 זע ווײַטער איבערגעדרוקט אין דעם באַנד. — רעד'.

18 די בראָשור Об агитации האָט דערשינען אין 1896 אין זשענעווע, אין פֿאַרלאַג „רוסישער ס"ד פֿאַרבאַנד", מיט אַ הקדמה און נאָכוואָרט פֿון פּ. אַקסעלראָד. — רעד'.

19 זע אויבן אין דעם באַנד.

20 זע ווײַטער איבערגעדרוקט די וויכטיקסטע טיילן אין דעם באַנד. — רעד'.

אונטער וועלכע מען האָט פֿאַרשטאַנען נאָר בירגערלעכע גלײַכבאַרעכטיקונג; אַזוי למשל איז אין דעם גײַסט אַרויסגעטראָטן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג יעקבֿ לאַצקאָווסקי.[21]

די צײַט פֿון 1895 און ווײַטער קען גערעכנט ווערן פֿאַר דער אייגנטלעכער תּקופֿה ערבֿ „בונד“. אין דער דאָזיקער תּקופֿה זײַנען אײַנגעשטעלט געוואָרן סיסטעמאַטישע פֿאַרבינדונגען מיט אַ ריי שטעט פֿון תּחום; אייניקע טוער פֿון ווילנע זײַנען דירעקט דעלעגירט געוואָרן צו פֿירן די אַרבעט אין די אַנדערע שטעט: גאָזשאַנסקי און ליובע אײַזנשטאַט — קיין ביאַליסטאָק; דזשאָן מילל, מאַריאַ זשאַלודסקי, לעאָן גאָלדמאַן א״אַ — קיין וואַרשע; פּאָרטנאָי — קיין קאָוונע; נאָך פֿריִער, אין יאָר 1893, האָט זיך פּאָוועל בערמאַן באַזעצט אין מינסק. די ווילנער גרופּע איז פֿאַקטיש געוואָרן די צענטראַלע. די דערפֿאַרונגען פֿון דער גרופּע, איר הויכער אינטעלעקטועלער ניוואָ האָבן געמוזט דערצו ברענגען. ווילנע איז געוואָרן אויך דער ליטעראַרישער צענטער, באַזונדערס ווען ס׳האָט זיך דאָ באַזעצט וולאַדימיר קאָסאָווסקי, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ גוטן טעאָרעטיקער, מיט גרונטיקע קענטענישן. מיט זײַן קומען קיין ווילנע איז מעגלעך געוואָרן אויסצונוצן די ליטעראַרישע כּוחות פֿון די אַזוי גערופֿענע „האַלבע אינטעליגענטן“, וועלכע האָבן אין וולאַדימירן געפֿונען אַ וועגווײַזער און רעדאַקטאָר. מיט וולאַדימירן איז מעגלעך געוואָרן צו פֿירן דעם „אידישן אַרבייטער“, וואָס פֿלעגט זיך דרוקן אין אויסלאַנד, אָבער צונויפֿגעשטעלט ווערן אין ווילנע.

אין דער פּראַקטיק האָט די ווילנער גרופּע, אָדער די „גרופּע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד“, ווי זי האָט זיך שוין דעמאָלט גערופֿן, ניט אויפֿגעהערט צו שטיין אין פֿאַרבינדונג און מיטצוהעלפֿן דער אַלגעמיינער רוסישער באַוועגונג. זי האָט געהאָלפֿן טעכניש און געהאָלפֿן מיט מענטשן. ווי קרעמער דערציילט אין זײַנע זכרונות, איז ער אין מאַי 1897 געפֿאָרן אין שליחות פֿון ווילנע און פּעטערבורג קיין זשענעווע, בכדי דאָרטן זיך צונויפֿצורעדן וועגן אַ ריי ענינים מיט די פֿירער פֿון דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ“ — און דאָרטן איז בײַ אים אויפֿגעקומען דער געדאַנק וועגן שאַפֿן אַ פֿאַראייניקונג פֿון די צעוואָרפֿענע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע קרײַזלעך.[22] צי האָט קרעמערס זכרון אים ניט אַרײַנגעבראַכט אין אַ טעות? עס איז באַקאַנט, אַז אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע טוער פֿון ווילנע און מינסק איז פֿאָרגעקומען שוין אין יאָר 1895, און פֿאַקטיש האָט שוין צום יאָר 1897 עקסיסטירט אַן ענגע פֿאַרבינדונג צווישן די פֿאַרשיידענע שטעט.[23] אַזוי אַז אייגנטלעך האָט דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד“ נאָר ראַטיפֿיצירט דאָס, וואָס דאָס לעבן אַליין האָט שוין געשאַפֿן. איך שטעל מיר פֿאָר, אַז אין זשענעווע האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן די נייטיקייט פֿון אַ פֿאַראייניקונג ניט אַזוי צווישן די יידישע אָרגאַניזאַציעס ווי צווישן די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס בכלל. דער געדאַנק וועגן אַן אַלגעמיין-רוסישן צוזאַמענפֿאָר און וועגן אַ ספּעציעל יידישן איז מסתּמא אויפֿגעקומען אין איין און דער זעלביקער צײַט. ער איז גיכער דורכגעפֿירט געוואָרן אין לעבן בײַ די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן: קודם כּל איז פֿיל לײַכטער געווען צו אָרגאַניזירן אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון אָרגאַניזאַציעס, וואָס זײַנען שוין צווישן זיך געווען

---

21 ד״ר י. לאַצקאָווסקי — אָנגעזעענער ס״ד טוער; אין 1896 אַרעסטירט אין פּעטערבורג און פֿאַרשיקט קיין סיביר אין אײנעם מיט לעניגען און מאַרטאָוון; שפּעטער, אין 1905, באַקאַנט אין מיזרח-סיביר ווי אַן אַקטיווער טוער פֿון דער ליבעראַלער „קאַדעטישער“ פּאַרטיי. נאָך דער רעוואָלוציע אַריבערגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, ווו ער איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן.

22 זע זײַנע זכרונות אין „אַרבעטער-לוח“ וואַרשע 1922, ז׳ 93.

23 פֿ״גל פּ. קורסקיס נאָטיצן צו דער ביאָגראַפֿיע פֿון קרעמערן אין „פֿאָלקסצײַטונג“ (וואַרשע) פֿון 11 אָקטאָבער 1935, ווו דער מחבר ברענגט קלאָרע באַווײַזן, אַז קרעמערס פֿאַרהאַנדלונגען אין זשענעווע וועגן דעם צוזאַמענפֿאָר האָבן געקערט זײַן ניט אין 1897, נאָר אין 1896. — רעד׳.

פֿאַרבונדן. אָבער ניט נאָר דאָס אַליין: אין דער זאָרג איינצוהאַלטן די איינהייט פֿון דער געשאַפֿענער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג האָבן אירע פֿירער, און קרעמער אין דער ערשטער ריי, געשטרעבט דערצו, אַז די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן אַריינטרעטן אין דער רוסלענדישער פּאַרטיי ווי איין גאַנצקייט.

און אַזוי איז טאַקע די פֿראַגע פֿאַרענטפֿערט געוואָרן אין פּרינציפּ; איבער דעם אָנגעוויזענעם טעם האָט זיך געמוזט גרינדן אַ ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט נאָכן ערשטן צוזאַמענפֿאָר, אין סעפּטעמבער 1897, אָנגענומען דעם נאָמען „בונד".

## הוספה:

צו די ביאָגראַפֿישע ידיעות, וואָס ווערן געבראַכט אינעם אַרטיקל פֿון י. פּעסקין וועגן אַרקאַדי קרעמער און זיין תקופה, ווילן מיר צוגעבן אַ וויכטיקן ביאָגראַפֿישן דאָקומענט, וואָס פֿ. קורסקי האָט פֿאַרעפֿנטלעכט לויט אַ קאָפּיע, וואָס געפֿינט זיך אין אַרכיוו פֿון „בונד" (זע „פֿאָלקסצייטונג" — וואַרשע, פֿונעם 18 אָקטאָבער 1935).

אין 1900 האָט דער פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג פֿונאַנדערגעשיקט דעם וויטערדיקן צירקולאַר (נר' 22671) וועגן קרעמערן:

„קרעמער — אַראָן, פֿאָטער-נאָמען — יוסף, פּסעוודאָנימען — „אַרקאַדי", „אַלעקסאַנדער" און „סאָלאָמאָן". געבוירן דעם 25סטן אויגוסט 1865 אין סווענציאַן, ווילנער גובערניע. נאָכן ענדיקן אין 1884 די ווילנער רעאַלשול אָנגעקומען אין פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, פֿון וואַנען אין 2 יאָר אַרום אַריבער אין ריגער פּאָליטעכניקום, ווו דעם קורס ניט פֿאַרענדיקט. אין 1897 אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף „דאַנטיסט". אין 1889 אַרעסטירט אין אַ פּראָצעס פֿון דער פּוילישער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", באַשטראָפֿט געוואָרן מיט 6 חדשים טורמע און אָפּגעגעבן געוואָרן אונטער פּאָליציייִשער אויפֿזיכט אויף 2 יאָר. אין 1898 אַרעסטירט פֿאַר געהערן צום „בונד". געווען אין ווילנע [פֿון אַפּריל ביז אויגוסט 1900] אונטער אַ באַזונדערער פּאָליציייִשער אויפֿזיכט. דעם 6טן אויגוסט 1900 אַוועק קיין אויסלאַנד".

דער פּסעוודאָנים „סאָלאָמאָן" האָט — ווי ס'ווייַזט אָן פֿ. ק. — געקענט אַריינגעשטעלט ווערן אַ סך שפּעטער, ווייַל דעם דאָזיקן פּסעוודאָנים האָט קרעמער אָנגעהויבן באַנוצן ערשט אין 1905.

פֿ. קורסקיס ציטירטע נאָטיץ אַנטהאַלט בכלל זייער וויכטיקע ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן אַרקאַדי קרעמערן.

רעדאַקציע

# די זשענעווער „גרופּע סאָציאַליסטן־יִידן״ און איר אויפֿרוף (1880)

### פֿון פֿ. קורסקי (פּאַריז)

דער זשענעווער אויפֿרוף פֿון 15טן יוני 1880[1] פֿון דער „גרופּע סאָציאַליסטן־יִידן״, וואָס מיר דרוקן דאָ אין אַ יִידישער איבערזעצונג, מוז באַטראַכט ווערן ווי אַ פּרוּוו פֿון דאָס נײַ צו מאַכן אויפֿלעבן ליבערמאַנס אַרבעט,[2] וואָס איז איבער פּאָליציייִשע רדיפֿות אין 1878 איבערגעריסן געוואָרן. ליבערמאַנס אַרעסט אין ווין, זײַנע פּראָצעסן אין ווין (1878) און בערלין (1879), די רדיפֿות פֿון דער פּרײַסישער פּאָליצײַ קעגן די „רוסישע ניהיליסטן״ אין בערלין און קיניגסבערג האָבן ליבערמאַנס אַרבעט און זײַנע פֿאַרבינדונגען אין גאַנצן ליקווידירט. נאָך דעם ווי אין דײַטשלאַנד איז אַרײַן אין קראַפֿט דער אַ״ג סאָציאַליסטן־געזעץ (1878), האָט דער געדאַנק וועגן אַ המשך פֿון ליבערמאַנס אַרבעט געקאָנט אויפֿקומען נאָר אין דער פֿרײַער שווייץ, ווו די פּאָליטישע עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד און פּוילן, און צו יענער צײַט שוין אויך נײַ געקומענע פֿון דײַטשלאַנד, האָבן געקאָנט זיך פֿרײַ פֿאַרנעמען מיט זייער פּאָליטישער אַרבעט.

אָבער בשעת ליבערמאַנס פּרוּוו אין לאָנדאָן אין 1876 האָט געהאַט ערנסטע שאַנסן זיך גוט צו אַנטוויקלען אויפֿן אָרט גופֿא און אַ דאַנק דער גרויסער צאָל אײַנגעוואַנדערטע יִדישע אַרבעטער איז דאָ דורכויס מעגלעך געוועזן צו באַשאַפֿן אַ סאָלידע יִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, האָבן אַזעלכע שאַנסן אין זשענעווע לגמרי געפֿעלט. אין לאָנדאָן האָט ליבערמאַן געהאַט פֿאַר זיך ניט נאָר אַ גרויסע אַרבעטער־אוידיטאָריע, וואָס האָט געגאַרט נאָך אַ פֿרײַען וואָרט, און אַ געוויסע צאָל יִדישע פֿאָלקסטימלעכע אינטעליגענטן, וואָס זײַנען גרייט געווען אים צו העלפֿן אין דער אַרבעט, — ער האָט געהאַט אויך די הילף און די גרויסע מאָראַלישע אונטערשטיצונג פֿון פּיאָטער לאַוראָוו (1823—1900), וואָס איז צו יענער צײַט געווען די גרעסטע פּערזענלעכקייט, דער אָנערקענטער אויטאָריטעט אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין לאָנדאָן, ווו עס האָבן געלעבט פֿון זייער שווערער פֿראַצע טויזנטער יִדישע פּראָלעטאַריער, איז די גרינדונג פֿון אַ יִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס האָט זיך אין קיינעמס סמיכה, אין קיינעמס הכשר ניט גענייטיקט.

גאַנץ אַנדערש האָט געמוזט אויסזען דער פּרוּוו אין זשענעווע. אין זשענעווע איז צו יענער צײַט און אויך מיט יאָרן שפּעטער אַ יִדישער אַרבעטער ניט געווען בנימצא (אויסער אַ פּאָר זעצערס). פֿאַר די רוסלענדישע פּאָליטישע עמיגראַנטן פֿון יענער צײַט איז די יִדן־פֿראַגע ניט געווען קיין ערנסטער ענין, קודם־כּל ניט קיין

---

1 אין זײַן בוך „נאַראָדאָוואָלצעס״ (מאָסקווע 1932) שרײַבט א. יודיצקי אין איין אָרט (ז׳ 187), אַז דער אויפֿרוף איז אַרויס אין 1881; דאָס איז אַ טעות. בײַ אונדז איז אָנגעוויזן די דאַטע, וואָס איז געדרוקט אויפֿן אויפֿרוף גופֿא.

2 זע „היסטאָרישע שריפֿטן״ פֿון יִוואָ, ב׳ I: אַרט׳ פֿון א. טשעריקאָווער וועגן דעם אָנהייב פֿון דער יִדישער סאָצ׳ באַוועגונג און דעם „פּנקס אגודת הסוציאליסתים העברים בלונדון״.

נאָענטער ענין (ערשט אין 1882, נאָך די פּאָגראָמען פֿון 1881, ווערט די זאַך נאָענט און ערנסט). די „גרופּע סאָציאַליסטן-ייִדן", וואָס וועגן איר איז דאָ די רייד, האָט ניט נאָר ניט געהאַט קיין פֿירנדיקן פֿאָרשטייער, וואָס זאָל קענען פֿאַרטיידיקן איר פּלאַטפֿאָרם, איר זכות-הקיום — זי האָט בכלל קיינעם ניט געהאַט, וואָס וואָלט געקאָנט אויף אַ געהעריקן אופֿן אַרויסטרעטן אין איר נאָמען. אין זשענעווער קלוב פֿון די רוסישע און פּוילישע פּאָליטישע עמיגראַנטן (אין דער צ"ג „קאָלאָניע") איז אין יענער צײַט, אין 1880, אָנגעגאַנגען אויף אַ ריי פֿאַרזאַמלונגען אַ דעבאַטע, ווו ס'איז באַהאַנדלט געוואָרן אויך דער אויפֿרוף, אָבער קיין פּערזענלעכקייט מיט אַ נאָמען, וואָס זאָל קענען פּערסאָניפֿיצירן די „גרופּע", איז דאָ ניט געווען. עס איז נאָר פֿאַרטיילט געוואָרן דער אויפֿרוף, און פֿאַרטיידיקט האָט אים אין דער דעבאַטע מ. דראַגאָמאַנאָוו. אין דער קאָלאָניע איז מען אַגבֿ געווען איבערצײַגט, אַז ער גופֿא איז טאַקע דער מחבר פֿון אויפֿרוף און דער איניציאַטאָר פֿון דער גרופּע. עס איז אויך קלאָר געווען, אַז דראַגאָמאַנאָוו האָט דערבײַ זײַנע נאַציאָנאַל-אוקראַיִנישע כּוונות.

* * *

דער זשענעווער אויפֿרוף איז געחתמעט אין נאָמען פֿון די איניציאַטאָרן פֿון איינעם ראָדין און איז אַזוי צו זאָגן „קאָנטראַסיגנירט" געוואָרן פֿון די אוקראַיִנישע טוער בראָש מיט מ. דראַגאָמאַנאָוו; חוץ זײַן נאָמען שטייען נאָך די נעמען פֿון צוויי אַנדערע אוקראַיִנער: ליאַכאָצקי און פּאַווליק. איינעם פֿון זיי — ליאַכאָצקין, וועלכער איז געווען מער באַקאַנט אונטערן נאָמען קוזמאַ, האָב איך גוט געקענט. דאָס איז געווען אַן עקסטרעמער אוקראַיִנישער נאַציאָנאַליסט, אַ הייסער חסיד פֿון דראַגאָמאַנאָוון. אַ געוועזענער סטודענט, איז ער אַנטלאָפֿן פֿון רוסלאַנד אין 1874 קיין זשענעווע, ווו ער איז געוואָרן אַ זעצער און איז פֿאַרבליבן דאָרט ביז צו זײַן טויט אין 1919. אין די יאָרן 1906 ביז 1919 האָב איך זיך מיט אים אין זשענעווע זייער אָפֿט באַגעגנט און בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פֿון אים וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן דער דאָזיקער „גרופּע סאָציאַליסטן-ייִדן". זײַנע ענטפֿערס פֿלעג איך זיך פֿון צײַט צו צײַט נאָטירן.

ליבערמאַנען האָט ער ניט געקענט, קיין מאָל אים ניט געהאַט געזען, אָבער געהאַט וועגן אים אַ גאַנץ ריכטיקע פֿאָרשטעלונג. זייער גוט האָט ער געקענט לייזער צוקערמאַנען (1852—1887), וואָס האָט זיך בײַ אים (אין דער אוקראַיִנישער דרוקערײַ „הראָמאַדאַ") אין 1879 אין זשענעווע אויסגעלערנט זעצן רוסיש. פֿון דער זשענעווער דרוקערײַ איז צוקערמאַן לויט דער פֿאַרבעטונג פֿון ניקאָלאַי מאָראָזאָוון, וואָס האָט אויך צו יענער צײַט געלעבט אין זשענעווע, (און מיט דער הילף פֿון זונדעלעוויטשן) געהיים געקומען קיין פּעטערבורג (האַרבסט 1879), ווו ער האָט געאַרבעט אין דער דרוקערײַ פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און איז דאָרטן אַרעסטירט געוואָרן דעם 18טן יאַנואַר 1880. צוקערמאַן איז געווען אַ לײַדנשאַפֿטלעכער אָנהענגער פֿון אַ סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן. נאָך דעם, וואָס ליאַכאָצקי — און אויך אַנדערע — האָבן מיר איבערגעגעבן, רעכן איך, אַז דער אייגנטלעכער איניציאַטאָר פֿון אויפֿרוף האָט געמוזט זײַן טאַקע לייזער צוקערמאַן, און אַז דראַגאָמאַנאָוו האָט צונויפֿגעשטעלט דעם טעקסט פֿון אויפֿרוף אויפֿן סמך פֿון אַ פּראָיעקט, וואָס צוקערמאַן האָט אים איבערגעגעבן פֿאַר זײַן אָפּפֿאָר. ווען מען לייענט דעם אויפֿרוף, פֿילט מען, אַז דער מחבר האָט געמוזט זײַן אַ ייִד. דראַגאָמאַנאָוו האָט דעם אויפֿרוף געקענט איבערמאַכן און ער האָט אים געוויס איבערגעמאַכט און רעדאַקטירט, ער האָט געקענט דערין וואָס ענדערן, וואָס צוגעבן (ווי למשל די שפּעטערדיקע ציטאַטן פֿון דער רוסיש-ייִדישער פּרעסע פֿון 1880), ער איז אָבער זיכער ניט דער איינציקער מחבר פֿון אויפֿרוף.

ווער איז געווען ראָדין?—האָב איך בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן געפֿרעגט קוזמאַ ליאַכאָצקין. זײַן ענטפֿער איז געווען: — אַ גאָרנישט, אַ סטודענטל... אַזוי ווי עס איז קיינער ניט געווען, וואָס וואָלט געקענט רעפּרעזענטירן די גרופּע אין דער קאָלאָניע, איז געבליבן, אַז אונטערן אויפֿרוף זאָל זיך חתמענען עמעצער אין נאָמען פֿון די איניציאַטאָרן; האָט דראַגאָמאַנאָוו געבעטן איינעם פֿון די ייִדישע סטודענטן, וואָס האָבן זיך אַרום אים אַרומגעדרייט, און יענער האָט געגעבן זײַן אונטערשריפֿט „ראָדין". ווי איז געווען זײַן ריכטיקער נאָמען, האָט קוזמאַ זיך ניט געקענט דערמאָנען. קוזמאַ האָט גוט געדענקט אויך דעם סטודענט וועלער,[3] וואָס זײַן נאָמען ווערט דערמאָנט אין פֿאַרבינדונג מיט דער גרופּע, אָבער קיין גוטס וועגן אים האָט ער ניט געהאַט צו דערציילן.

וואָס האָט מען גערעדט וועגן אויפֿרוף אויף די פֿאַרזאַמלונגען פֿון דער קאָלאָניע?— וועגן דעם האָט מיר קוזמאַ זייער פֿיל און זייער גערן דערציילט. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט קוזמאַ איז געווען סוף 1906, ד"ה גאַנצע 26 יאָר נאָך דעם, ווי די זשענעווער דעבאַטן זײַנען פֿאָרגעקומען, און איך שרײַב וועגן דעם איצט, — אמת טאַקע לויט געוויסע נאָטיצן, וואָס איך האָב מיר געמאַכט אין די אַלטע יאָרן, — אָבער דאָך אין 32 יאָר אַרום נאָך מײַן ערשטן שמועס מיט קוזמאַ און אין 19 יאָר אַרום נאָך מײַן לעצטער באַגעגעניש מיט אים. דאָס, וואָס איך גיב דאָ איבער לויט זײַנע ווערטער, קאָן בכן אויף פֿולער אויטענטישקייט ניט פּרעטענדירן. און דאָך וויל איך עס דאָ איבערגעבן, וואָרעם יענע דעבאַטן האָבן אַ געוויסן היסטאָרישן אינטערעס, און ס'איז וועגן זיי, ווי ווײַט איך ווייס, קאָנקרעט זייער ווייניק באַקאַנט.

אָט וואָס בײַ מיר איז נאָטירט לויט קוזמאַ ליאַכאָצקיס ווערטער:

... ניט אַזוי וועגן אויפֿרוף גופֿא האָט מען גערעדט אין דער קאָלאָניע. וואָס איז געווען וועגן דעם אַ סך צו ריידן? גערעדט האָט מען וועגן דעם אוקראַיִנישן סעפּאַראַטיזם און וועגן דער לאַגע פֿון די ייִדן. אָט וואָס דער אַלטער ניקאָלאַי זשוקאָווסקי, דער באַקאַנטער באַקוניסט און לאַנגיאָריקער פּאָליטישער עמיגראַנט, האָט בעת דער דעבאַטע דערקלערט: די ייִדן-פֿראַגע וועט אַזוי לאַנג עקסיסטירן, כּל-זמן די ייִדן וועלן זײַן הענדלערס און שענקערס, ד"ה כּל-זמן זיי וועלן האַלטן אין אויסזייגן דעם פּויער. זאָלן זיי ווערן פּויערים און אַרבעטער — וועט קיין ייִדן-פֿראַגע מער ניט זײַן. וואָס זשע פֿאַר אַ שײַכות קען האָבן דראַגאָמאַנאָוו צו דעם דאָזיקן אויפֿרוף?— אָפֿענע קאָרטן! אין דער רוסיפֿיקאַציע פֿון אוקראַיִנע וועלן די ייִדן מיט דער צײַט מוזן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע — און, לויט דראַגאָמאַנאָוון, אַ שעדלעכע ראָלע. ווי אַ שטאָטישער עלעמענט וועלן זיי זיך מוזן רוסיפֿיצירן; אַגבֿ האָט זיך דער פּראָצעס פֿון רוסיפֿיקאַציע בײַ זיי שוין פֿון לאַנג אָנגעהויבן. אויף אַזאַ אופֿן וועלן די ייִדן שטאַרק מיטהעלפֿן דער רוסישער רעאַקציע אויסצוראָטן די אוקראַיִנישע שפּראַך און קולטור. דערוואַרטן פֿון די ייִדן, זיי זאָלן ריידן „פּאָ כלאָפּסקו", איז אַן אוטאָפּיע. וויל דעריבער דראַגאָמאַנאָוו, עס זאָל זיך בײַ זיי לכל-הפּחות אַנטוויקלען ייִדיש. אָבער — זאָגט ווײַטער זשוקאָווסקי — פֿירן אַ פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע אין ייִדיש איז נאָך אַ גרעסערע אוטאָפּיע: אויף ייִדיש קאָן מען האַנדלען, אָבער אַ מאָדערנע פּאָליטישע אויפֿקלערונג אין ייִדיש? אַן אומזין!

די ייִדישע פּאָליטישע עמיגראַנטן האָבן די גאַנצע זאַך געמאַכט צו קליינגעלט. געוויס מוטשעט מען די ייִדן אין רוסלאַנד. אָבער פֿאַר אונדז, רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן, איז די ייִדן-פֿראַגע נאָר אַ טייל פֿון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער פֿראַגע. כּל

[3] משה (מיכאל) וועלער, געב׳ אין פּינסק 1857, געווען אַ סטודענט אין קיִעוו; אין 1877 זיך באַטייליקט אינעם רעוואָלוציאָנערן קרײַזל אין מינסק און אין 1878 אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, געלעבט אין פּאַריז און אין דער שווייץ. אין 1880 באַקומען די דערלויבעניש זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד; שפּעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

ען דער צאַריזם וועט בעל-הבתעווען, וועט מען פּייַניקן 80 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג אין רוסלאַנד — קודם-כּל די פּויערים, און זיי פּייַניקט מען טאַקע מער ווי אַלעמען, דערנאָך — די ייִדן און די פּאָליאַקן. אין דעם טאָג אָבער, ווען דער צאַריזם וועט פֿאַלן — און פֿון אונדזער ענערגיע הענגט עס אָפּ דעם טאָג צו דער-נענטערן—וועט מען אין רוסלאַנד קיינעם מער ניט רודפֿן. פּראָפּאַגאַנדע אין „זשאַרגאָן“ איז אַן אַבסורד. „זשאַרגאָן“ איז קיין שפּראַך ניט. ווען די ייִדן וועלן ווערן פֿרייַ, וועלן זיי ריידן רוסיש און פּויליש. ריידן רוסיש האָט גאָרנישט צו טון מיט דער צאַרישער צוואַנג-רוסיפֿיקאַציע. אָט ריידן מיר דאָ אַלע רוסיש און אַלע זייַנען מיר באַגייַסטערטע פֿרייַנד פֿון פּוילישן פֿרייַהייטסקאַמף....

ווער זייַנען געווען די ייִדן, וואָס האָבן זיך אין דער קאָלאָניע באַטייליקט אין יענע דעבאַטעס? מיט באַשטימטקייט קאָן איך אָנרופֿן לעוו דייטשן; מעגלעך, אַז אויך פּאַוועל אַקסעלראָד; אַקסעלראָד איז אַגבֿ געווען גוט באַקאַנט מיט דראַגאָ-מאַנאָוון נאָך פֿון קיִעוו און איז שפּעטער אַ געוויסע צייַט געווען אַ מיטאַרבעטער אין זייַן זשענעווער זשורנאַל „וואָלנאַיאַ סלאָוואָ“ (אַ געוויסע שייַכות צו דער „וואָלנאַיאַ סלאָוואָ“ האָט געהאַט שפּעטער אויך בן-עמי, ניט קיין עמיגראַנט און ניט קיין רעוואָ-לוציאָנער; אַזוי האָט ער דאָרטן אָפּגעדרוקט אַ באַשרייַבונג פֿונעם אָדעסער פּאָגראָם).

מיט אַ באַזונדערן פֿאַרגעניגן פֿלעגט מיר קוזמאַ איבערגעבן די געדאַנקען און ווערטלעך פֿון דראַגאָמאַנאָוון.

דראַגאָמאַנאָוו האָט זיך געפֿילט אין דער קאָלאָניע — לויט זייַן אייגענעם אויס-דרוק—ווי אַ ווייַסער צווישן רויטהויטיקע („среди краснокожих“). די „רויטהויטיקע“, דאָס מיינט די רעוואָלוציאָנערע נאַראָדניקעס, האָבן אים, דעם „ליבעראַלן קאָנסטי-טוציאָנאַליסט“, ניט ליב געהאַט.[4] זיי האָבן אָבער געהאַט דרך-ארץ פֿאַר זייַן ערודיציע, פֿאַר זייַן קאָרעקטקייט און אויך פֿאַר זייַן מוט צו האָבן אין געוויסע פֿראַגעס אַן אייגענע זעלבשטענדיקע מיינונג קעגן דער הערשנדיקער מיינונג אין די עמיגראַנטישע קרייַזן.

... דראַגאָמאַנאָוו האָט ניט געלייקנט, אַז זייַן צוגאַנג צו דער ייִדן-פֿראַגע ווערט דיקטירט פֿון זייַן אוקראַיִנישן נאַציאָנאַליזם. ער האָט אָבער געפּרוּווט באַווייַזן, אַז זייַנע פֿלענער ליגן אין די אינטערעסן פֿון די ייִדן גופֿא, און ניט בלויז אין אוקראַיִנע, נאָר אויך אין ליטע און ווייַסרוסלאַנד, ווו די ייִדן ווערן אויך אַ בלינד געצייַג פֿון דער רוסישער רעאַקציע אין קאַמף קעגן דער שפּראַך און קולטור פֿון דער אָרטיקער ניט-רוסישער באַפֿעלקערונג.

„בדרך כּלל — אַזוי פֿלעגט דראַגאָמאַנאָוו אָנהייבן אַ ביסל איראָניש און מיט זייַן גוטמוטיקן הומאָר — זייַנען די „זשידאָיעדעס“, די ייִדנפֿרעסערס, גאַנץ גערעכט, ווען זיי זאָגן, אַז צו דער ענדגילטיקער פֿאַרענטפֿערונג פֿון דער ייִדן-פֿראַגע איז פֿאַראַן נאָר איין מיטל: אַראָפּלאָזן די ייִדן אין דנעפּער אַרייַן... און אויב אַזאַ פּראָגראַם וואָלט דורכגעפֿירט געוואָרן אויך בייַם דנעסטער, בייַם ניעמען, בייַ דער ווייַסל, בייַם נאַרעוו און בייַם בוג, וואָלטן מיר זיכער קיין ייִדן-פֿראַגע מער ניט געהאַט. דערלויבט מיר אָבער צו זאָגן, אַז אונדזערע „זשידאָיעדעס“ וועלן קיין מאָל זייער פּראָגראַם ניט דורכפֿירן: זיי זייַנען עס ניט אין שטאַנד. איז אויב אַזוי, אויב ניט אין דנעפּער, מוזן מיר געפֿינען אַ מיטל, ווי אייַנצואָרדענען דאָס לעבן — און ניט דעם טויט פֿון די

4 די באַציִונג צו דראַגאָמאַנאָוון מצד דעם אויספֿיר-קאָמיטעט פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ אין רוסלאַנד איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע: דעם 12טן מאַי 1880 האָט זשעליאַבאָוו אין נאָמען פֿון אויספֿיר-קאָמיטעט געמאַכט דראַגאָמאַנאָוון אַן אָפֿיציעלן פֿאָרשלאָג צו ווערן אין אויסלאַנד דער פֿאָרטרעטער פֿון קאָמיטעט (אין 1883 האָט דראַגאָמאַנאָוו אָפּגעדרוקט זשעליאַבאָווס בריוו אין זייַן אָרגאַן „וואָלנאַיאַ סלאָוואָ“; זע דאָס בוך פֿון ד. זאַסלאַווסקי וועגן דראַגאָמאַנאָוון, רוסיש, מאָסקווע 1934, ז' 161).

יִדן. מיר מוזן און מיר ווען לעבן מיט די יִדן אַקסל בײַ אַקסל, אַ דור נאָך אַ דור,– טאָ לאָמיר זען, וואָס מען קאָן טון, אַז פֿון דער יִדישער באַפֿעלקערונג זאָלן זיך 60 פּראָצענט ניט פֿאַרנעמען בײַ אונדז מיט פּאַראַזיטישן האַנדל, וואָס דאָס איז שעדלעך ניט נאָר פֿאַר אונדזער פּויער, נאָר אויך פֿאַר זיי גופֿא... לאָמיר זען, וואָס מען דאַרף טון, כּדי דער יִד זאָל קענען לעבן ווי אַ מענטש. דאָס בעסטע מיטל דערצו דאַרף זײַן אַ פֿאָלקסטימלעכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן יִדן אין דעם זינען, ווי דאָס ליגט פֿאָר דער אויפֿרוף".

דערויף ענטפֿערט אים ז ש ו ק אָ וו ס ק י:

60 פּראָצענט פֿון דער יִדישער באַפֿעלקערונג פֿאַרנעמען זיך מיט האַנדל. אָט דאָס איז די אַרענע, אויף וועלכער דער פּויער יאָגט זיך נאָכן יִדן... געוויס, פֿון הומאַניטאַרישן שטאַנדפּונקט איז עס אַ באַרבאַריזם, ווען צעווילדעוועטע פּויערים פֿאַלן אָן אויף אַן איבערגעשראָקענעם אָרעמען יִדל און צעבלוטיקן אים. נעמט אָבער די געשעעניש אין איר סאָציאַלער ד י נ אַ מ י ק.... דער פּויער שלאָגט. פֿאַר וואָס שלאָגט ער? ווײַל דאָס איז דערווײַל זײַן פּאָליטישער שטימצעטל. קיין שום אַנדער מיטל אויסצודריקן זײַן צאָרן קעגן דעם, ווי די מלוכה עקספּלואַטירט אים, האָט ער ניט. געוויס איז עס אַ שאָד, וואָס דער פּויער שלאָגט דעם אומשולדיקסטן פֿון די וואָס עקספּלואַטירן אים– דעם יִדן. אָבער ער שלאָגט – און דאָס איז דער אָנהייב פֿון זײַן באַפֿרײַונגס-קאַמף. זאָל ער זיך נאָר אויסלערנען שלאָגן, זאָל נאָר האַרט און שטאַרק ווערן זײַן קולאַק, וועט ער שוין דערלאַנגען יענע, וואָס שטייען העכער פֿונעם יִדן. איצט, אין דער אָנהייב-סטאַדיע פֿון זײַן פּראָטעסט, טאָרן מיר דעם פּויער ניט זאָגן: שלאָג ניט דעם יִדן! ער וועט עס פֿאַרשטיין, אַז ער זאָל בכלל ניט שלאָגן. עס איז אָבער דרינגלעך נייטיק, ער זאָל זיך א ו י ס ל ע ר נ ע ן ש ל אָ ג ן...

דערויף ענטפֿערט ד ר אַ ג אָ מ אַ נ אָ ו ו:

... אײַער טעאָריע איז אונדז באַקאַנט... מיר קענען אָבער פֿעסטשטעלן, אַז איר זײַט ניט מער אַזוי קאָנסעקווענט, ווי איר זײַט עס נאָך געווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. דעמאָלט האָט איר אײַער טעאָריע דערפֿירט ביז צו איר לעצטן לאָגישן סוף — איר פֿלעגט דעם פּויער זאָגן: שלאָג דעם יִדן![5] הײַנט זאָגט איר עס ניט מער. פֿאַר וואָס דעמאָלט – יאָ און הײַנט – ניט? עפּעס איז וואַקלדיק געוואָרן אײַער טעאָריע. ס'פֿאַרשטייט זיך, פֿון מ ײַ ן שטאַנדפּונקט קען איך עס נאָר באַגריסן. איר ווייסט דאָך: איך גלייב ניט אין קולאַק. אַפֿילו ניט אין דער צויבערקראַפֿט פֿון „יענעם כעמישן שטאָף, וואָס איר זעט אים איצט אויף דער וואָר און אין חלום"[6] ... „איך גלייב אין אַ פֿרײַען און פֿרײַוויליקן פֿאַרבאַנד פֿון די פֿעלקער, וואָס וווינען אין רוסלאַנד; און אין דעם פֿרײַען פֿאַרבאַנד מוז זײַן פּלאַץ אויך פֿאַר די באַפֿרײַטע יִדן".[7]

דראַגאָמאַנאָוון לאָזט מען ריידן. ער רעדט אַלע מאָל צו דער זאַך און ער האַלט זיך פּראָפֿעסאָריש קאָרעקט: אַפֿילו דעם שאַרפֿסטן געגנער באַליידיקט ער ניט. אָבער

---

5 וועגן דער שטעלונג פֿון די רעוואָלוציאָנערע נאַראָדניקעס צו דער יִדן-פֿראַגע אין די 70ער יאָרן פֿ"גל די אַנאָנימע שריפֿט (פֿון 1876) „די פֿאָראורטיילן פֿון אונדזערע רוסישע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן", אָפּגעדרוקט מיט געוויסע קיצורים אין זש' „אונדזער צײַט", ווארשע 1929.

6 געמיינט — דינאַמיט, וואָס די רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד האָבן גראָד דעמאָלט אָנגעהויבן באַנוצן פֿאַר טעראָריסטישע צוועקן.

7 מיט 4 יאָר שפּעטער האָט מ. דראַגאָמאַנאָוו אָפּגעדרוקט אין דעם גײַסט זײַן פּראָגראַם אין אוקראַיִניש און רוסיש אין אַ ספּעציעלער בראָשור: Вольный Союз–Вільна Спілка. Опыт украинской политико-социальной программы. Свод и объяснения М. Драгоманова (זשענעווע, דרוקערײַ „הראָמאַדאַ", 1884); אויפֿן שער איז אָפּגעדרוקט דער נאָמען אויך אין פּויליש, ווײַסרוסיש, רומעניש, דײַטש, פֿראַנצייזיש און אין יִדיש — מיט יִדישע אותיות: „איין פרייער בונד".

מען האָט אים ניט ליב, און קיינער אַפּלאָדירט אים ניט, אויך די ניט וואָס זײַנען אין תּוך מיט אים מסכּים.

* * *

— איז די „גרופּע", הייסט עס, געווען אַ פיקציע? זי האָט פּאַקטיש גאָר ניט עקסיסטירט?

אָט וואָס קוזמאַ ליאַכאָצקי ענטפערט דערויף: — „ווען לאַזאַר (לייזער צוקערמאַן) וואָלט געבליבן אין זשענעווע, וואָלט ער צוגעצויגן מענטשן פון רוסלאַנד... געווען אָבער צו יענער צײַט אין זשענעווע איינער, וואָס האָט ניט געהאַט ניט דעם לײַדנ-שאַפטלעכן ברען פון לאַזאַרן, ניט זײַן לומדות, אָבער געווען איז ער אַן ערנסטער און אַ געטרײַער מענטש ביז גאָר. געהייסן האָט ער וויגדאָרטשיק, אַ בלעכער, אין זשענעווע געווען אַ זעצער. אַ שטילער, פלעגט ער זיך צוהערן צו די דעבאַטן, און אַלץ פלעגט ער אַרײַננעמען אין קאָפּ. אַרום 1883 איז ער לעגאַל אָפּגעפאָרן אַהיים, קיין מינסק. דאָרטן האָט ער זיך יאָרן לאַנג באַטייליקט אין דער אָרטיקער באַוועגונג — פון די ערשטע קרײַזלעך ביז צו דער גרינדונג פון „בונד". דעם לעצטן בריוו האָט קוזמאַ באַקומען פון אים פון מינסק אַרום 1900, נאָך דעם איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. קוזמאַ האָט מיר איבערגעגעבן וויגדאָרטשיקס פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער עס שטייט די דאַטע „19/8 1880" — אין יענעם טאָג האָט ער אים די פאָטאָגראַפיע געשאָנקען. וויגדאָרטשיק איז צו יענער צײַט געווען אין זשענעווע דער איינציקער ייִדישער סאָציאַליסט, וואָס האָט די אידעע פון אויפרוף אָנגענומען ווי די אויפגאַבע פון זײַן לעבן, און עס איז דעריבער דורכויס קיין צופאַל ניט, וואָס זײַן ווײַטערדיקער וועג האָט אים דערפירט צום „בונד".

* * *

דער אויפרוף א"ב „От группы социалистов-евреев" איז, ווי געזאָגט, געווען אָפּגעדרוקט אין זשענעווע, דאַטירט דעם 15טן יוני 1880, אין אַכט זײַטלעך, געדיכט געזעצט.[8] צום ערשטן מאָל איז ער איבערגעדרוקט געוואָרן, מיט געוויסע קיצורים, אין רוסישן אָרגאַן פון „בונד" „וועסטניק בונדאַ" נו' 4, יולי 1904, זשענעווע; שפּעטער איז ער אַרײַן אין דעם ביכל „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג" (רוסיש), וואָס איז אַרויס לעגאַל אין פּעטערבורג 1906. דער **פולער** טעקסט פון אויפרוף איז אָפּגעדרוקט אין דראַגאָמאַנאָווס שריפטן.

---

8 איצט אַ גרויסע יקר-המציאות; אַן עקזעמפּלאַר פון אים געפינט זיך אין אַרכיוו פון „בונד" אין פּאַריז (זע די רעפּראָדוקציע פון ערשטן זײַטל).

# נאָך וועגן דער זשענעווער „גרופּע סאָציאַליסטן־יידן“

## פֿון א. טש.

דער זשענעווער אויפֿרוף פֿון דער „גרופּע סאָציאַליסטן־יידן“ איז נאָך ליבערמאַנס סטאַטוטן פֿונעם יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין אין לאָנדאָן אין 1876, נאָך זײַן פּראָקלאַמאַציע „אל שלומי בחורי ישראל“ און זײַן פּראָיעקט „וועגן אָרגאַניזירן אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן פֿאַרבאַנד צווישן יידן אין רוסלאַנד“ דער וויכטיקסטער דאָקומענט אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די דירעקטע השפּעה פֿון מ. דראַגאָמאַנאָוון אויף דעם אויפֿרוף און אויף דער בילדונג פֿון דער „גרופּע“ בכלל קען ניט אַרויסרופֿן קיין שום ספֿק. אין דעם אויפֿרוף פֿילט מען זײַן גײַסט און אויך זײַן האַנט, ווען אַפֿילו ער איז פֿאָרמעל ניט געווען איר מחבר. און דער בעסטער באַווײַז דערפֿאַר איז, וואָס דער אויפֿרוף איז מיט יאָרן שפּעטער אַרײַן אין דער זאַמלונג פֿון זײַנע פּאָליטישע ווערק.[1] ניט אויפֿגעקלערט ביז איצט איז, פֿון וועמען איז באַשטאַנען אָט די „גרופּע סאָציאַליסטן־יידן“, ווען אַפֿילו זי האָט קיין קיום ניט געהאַט, און ווער איז געווען דער פֿאַקטישער מחבר פֿונעם אויפֿרוף. וועגן דעם ווערן אַרויסגעזאָגט אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור פֿאַרשיידענע השערות, אויף וועלכע מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן.

אין 1921 איז צום ערשטן מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ געהיימע „זאַפּיסקע“, וואָס דער באַקאַנטער רוסישער רעוואָלוציאָנער י. סטעפּאַנאָוויטש האָט נאָך זײַן אַרעסט אין 1882 צונויפֿגעשטעלט אין תּפֿיסה, לויטן פֿאָרשלאָג פֿון פּלעווע, וואָס איז געווען דעמאָלט שעף פֿון פּאָליצײַ־דעפּאַרטאַמענט, וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און אירע פֿאָרשטייער. אין דער „זאַפּיסקע“, ווו סטעפּאַנאָוויטש גיט אַ פֿאַקטישע און אַ גאַנץ אָפֿנהאַרציקע כאַראַקטעריסטיק פֿון די טוערס פֿון דער באַוועגונג, ווערט דערציילט אויך וועגן דראַגאָמאַנאָווס טעטיקייט אין דער עמיגראַציע, פֿון וואַנען סטעפּאַנאָוויטש אַליין האָט זיך ערשט פֿאַר זײַן אַרעסט אומגעקערט. אָט וואָס מיר לייענען דאָרט:

„מצד דראַגאָמאַנאָוון (אין זשענעווע) זײַנען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו גרינדן ליטעראַרישע קרײַזלעך פֿון עמיגראַנטן. אַזוי האָט זיך אונטער זײַן השפּעה געבילדעט אַ יידיש קרײַזל מיטן צוועק פֿון ליטעראַרישער פּראָפּאַגאַנדע טאַקע אין דער דאָזיקער שפּראַך (אין יידיש). אָבער דער גאַנצער ענין האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט, וואָס דראַגאָמאַנאָוו גופֿא האָט אָנגעשריבן — און פֿאַרשטייט זיך אין רוסיש — אַן אויפֿרוף צו יידן מיט דער בקשה מיטצוהעלפֿן צו גרינדן אַזאַ קרײַזל. דער דאָזיקער אויפֿרוף איז קיין רוסלאַנד ניט דערגאַנגען, און דאָס קרײַזל איז זיך צעפֿאַלן: צוויי פֿון זײַנע מיטגלידער האָבן זיך מיט דער דערלויבעניש פֿון גראַף לאָריס־מעליקאָוו אומגעקערט קיין רוסלאַנד, און דער דריטער, ניט קיין עמיגראַנט, איז אַרײַנגעטראָטן

---

[1] זע: Собрание политических сочинений М. П. Драгоманова (פּאַריז 1906), ב׳ 2, ז׳ 320 א״וו. קורצע ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן דראַגאָמאַנאָוון, דעם וויכטיקסטן טעאָרעטיקער פֿון דער אוקראַיִנישער באַוועגונג און ראַדיקאַל־פּאָליטישן טוער, זע אין די דערקלערונגען צו די זכרונות פֿון גר. גורעוויטש אויבן אין אונדזער באַנד.

אין זשענעווער אוניווערסיטעט". אין דעם אָרט, ווו עס ווערט דערמאָנט וועגן די צוויי, וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, איז מיט פּלעווּעס האַנט אויפן ראַנד פון דער „זאַפּיסקע" צוגעשריבן: „היינו ווער?"—און בתשובה צוגעשריבן פון סטעפּאַנאָוויטשן: „ניקאָלאַי איז דער פּסעוודאָנים פון איינעם פון זיי, דעם צווייטן געדענק איך ניט".[2]

אויפן סמך דער עיקר פון דעם אָנווייַז פון סטעפּאַנאָוויטשן האָט מען געטרוווט פעסטשטעלן, אַז איינער פון די צוויי — און גראָד מסתמא דער, וועמעס נאָמען ער האָט פאַרגעסן—האָט געקערט זיין משה (מיכאַ׳ל) וועלער.[2a] דער סטודענט וועלער, אַ פּינסקער, האָט אין 1877 — 1878 אָנגעפירט אַ קרייַזל אין מינסק נאָך ראַבינאָוויטש־טשאַרנין, וועלכער איז געווען פאַרבונדן מיטן צווייטן רעוואָלוציאָנערן קרייַזל אין ווילנע 1876.[3] אין סעפּטעמבער 1878, נאָך אַ דורכפאַל, איז ער אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד און געלעבט אַ יאָר צוויי אין דער שווייץ און בעת דער גרינדונג פון דער „גרופּע" איז ער געווען אין זשענעווע. שפּעטער איז ער אַריבערגעפאָרן קיין פּאַריז און סוף 1880 האָט ער חוזר בתשובה געווען, האָט זיך געווענדט צו דער רוסישער מאַכט מיט דער בקשה צו דערלויבן אים אומצוקערן זיך קיין רוסלאַנד און האָט דערויף באַקומען די דערלויבעניש אַ דאַנק דער השתדלות ביי לאָריס־מעליקאָוון פונעם באַרימטן רוסישן שרייַבער טורגעניעוו, וואָס האָט געלעבט אין פראַנקרייַך.[4] אויב אַפילו מ. וועלער האָט עפּעס יאָ געהאַט אַ שייַכות צו דער זשענעווער „גרופּע", האָט זיין ראָלע געקענט זיין נאָר אַ גאַנץ קליינע און בכל אופן איז ער ניט פעיִק געווען צו זיין איר איניציאַטאָר און געוויס ניט דער מחבר פונעם אויפרוף. אַ צווייטע השערה, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן און וואָס האָט אונטער זיך קיין שום יסוד ניט, איז, אַז אַ שייַכות צו דעם אויפרוף האָט געהאַט לאַזאַר גאָלדענבערג, ליבערמאַנס חבר פון דעם לאָנדאָנער פאַראיין 1876. אויף דעם סמך, וואָס גאָלדענבערג זאָל צו יענער צייַט, 1880, האָבן געלעבט אין דער שווייץ, און אויפן סמך פון זיין אַמאָליקער מיטאַרבעט מיט ליבער־מאַנען שרייַבט א. יודיצקי אין זיין בוך, אַז „עס איז כלל ניט אויסגעשלאָסן, אַז גאָלדענבערג איז געווען פאַרבונדן מיט דער גרופּע (אין זשענעווע) און האָט זיך באַטייליקט אין צונויפשטעלן דעם אויפרוף".[5] אָבער דאָס איז ניט ריכטיק שוין דערפאַר אַליין, וואָס דער לאָנדאָנער פאַראיין פון 1876 איז ביי לאַזאַר גאָלדענבערגן געווען ניט מער ווי אַ צופעליקער עפּיזאָד און מער האָט ער זיך קיין מאָל צו יידישער אַרבעט ניט אומגעקערט.[6]

---

2 י. סטעפּאַנאָוויטשעס „זאַפּיסקע" איז אָפּגעדרוקט אין „Былое" נו׳ 16, 1921 (פּעטראָגראַד); זע ז׳ 78 א״וו; זע אויך זיין „רוסישע רעוו׳ עמיגראַציע" אין 3טן זאַמלבוך „Группа Освобождение Труда" (רעד׳ פון ל. דייטש), מאָסקווע—לענינגראַד 1925.

2a און ניט אהרן, ווי עס שרייבט פּאָלש ד. זאַסלאַווסקי אין זיין מאָנאָגראַפיע וועגן דראַגאָמאַנאָוון.

3 פ״גל אויבן דעם אַרט׳ פון פּנחס קאָן וועגן דעם קרייַזל.

4 זע „Былое" 1925, נו׳ 1 ז׳ 79—80, ווו עס זיינען אָפּגעדרוקט דריי קורצע בריוו פון טורגעניעוון צו מ. וועלערן וועגן זיין השתדלות. פון די בריוו איז קאָנטיק, אַז טורגעניעוו האָט וועלערן פּערזענלעך ניט געקענט און האָט זיך פאַר אים משתדל געווען ווי פאַר די אַנדערע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך געוואָלט אומקערן קיין רוסלאַנד.

5 א. יודיצקי, נאַראָדאָוואָלצעס (מאָסקווע 1932), ז׳ 173.

6 לאַזאַר גאָלדענבערג אין זיינע זכרונות („Каторга и Ссылка" 1924, נו׳ 5 א״וו) דערמאָנט וועגן דעם גאָרניט. עס איז בכלל אַ ספק, צי איז ער צו יענער צייט געווען אין זשענעווע; געלעבט אין זשענעווע און ציריך האָט ער פאַר דעם—אָנהייב די 70ער יאָרן; אין 1880 איז ער נאָך פאַרבייגעפאָרן שווייץ.

דעריבער איז פֿאַר אונדז באַזונדערס וויכטיק דער אָנווײַז פֿון פּ. קורסקי אויבן אין זײַן אַרטיקל, אַז דער אמתער מחבר פֿונעם אויפֿרוף האָט געמוזט זײַן לייזער צוקערמאַן. דעצידירנדיק איז אין דעם פֿאַל די עדות פֿון קוזמאַ ליאַכאָצקי, וואָס איז געווען דער נאָענטסטער מענטש צו דראַגאָמאַנאָוון אין זשענעווע און אויך — וואָס עס איז וויכטיק — דער דרוקער פֿונעם אויפֿרוף.[6a] די זעלביקע מיינונג וועגן לייזער צוקערמאַנען ווי דעם מחבר געפֿינען מיר אויך אָנגעוויזן אין דער ליטעראַטור: אין אירע זכרונות וועגן די ערשטע ייִדישע קרײַזלעך (אין מינסק) דערציילט זשעניע הורוויטש, אַז צום פֿינף־יאָריקן יובֿל פֿון „בונד“ האָט קוזמאַ ליאַכאָצקי געשאָנקען אין זשענעווע דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פֿון „בונד“ זייער אַן אינטערעסאַנטן דאָקומענט „וואָס צוקערמאַן האָט אָנגעשריבן“ וועגן דער נייטיקייט אַרויסצוגעבן ליטעראַטור פֿאַר דער ייִדישער מאַסע אין ייִדיש, געמיינט — דער זשענעווער אויפֿרוף פֿון 1880. אויף דער יובֿל־פֿײַערונג פֿון „בונד“ (האַרבסט 1902) — שרײַבט זי ווײַטער — „איז די דאָזיקע ידיעה וועגן צוקערמאַנס פּראָיעקט אויפֿגענומען געוואָרן ווי אַ „באָמבע“ — קיינער האָט ביז דעמאָלט וועגן דעם אַפֿילו ניט חושד געווען“.[7]

מיר ווילן דערצו צוגעבן, אַז אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור געפֿינען מיר אַן אָנווײַז, אָבער נאָר פֿאַרבײַגייענדיק, אַז זומער 1880 האָט אין דער שווייץ געלעבט יואל עפֿראָן און, לויט פּאָליצײַישע ידיעות, זאָל ער האָבן געגרינדעט דאָרטן אַ געזעלשאַפֿט אויף אַרויסצוגעבן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור אין רוסיש, פּויליש און אויך אין ייִדיש, דערבײַ האָבן אים געהאָלפֿן צוויי אַנדערע ייִדישע עמיגראַנטן גאָראָדעצקי און דאָרפֿמאַן; געווען איז דאָס אמת ניט אין זשענעווע, נײַערט אין ציריך.[8] יואל עפֿראָן, אַ ווילנער, האָט פֿריִער געהערט צו דער בערלינער קאָלאָניע פֿון „רוסישע ניהיליסטן“, איז געווען נאָענט באַפֿרײַנדט מיט זונדעלעוויטשן, ליבערמאַנען און לייזער צוקערמאַנען און איז בעתן דורכפֿאַל פֿון ליבערמאַנס „סעקציע“ אין בערלין (נאָוועמבער 1878) אַנטלאָפֿן און ניצול געוואָרן פֿון אַרעסט. צי האָט זײַן פּרוּוו אין ציריך גראָד אין דער זעלביקער צײַט — אויב דאָס איז בכלל ניט קיין פּאָליצײַישע פֿאַנטאַזיע און אויב ייִדישע ליטעראַטור איז באמת אַרײַן אין זײַן פּלאַן — געהאַט אַ שײַכות צו דעם פּרוּוו אין זשענעווע, איז שווער צו זאָגן, מחמת קיין מאַטעריאַלן וועגן דעם זײַנען ניט אויפֿגעהיט געוואָרן. ביז ניט לאַנג האָט נאָך געלעבט איינער פֿון יענעם דור, וואָס איז געווען זייער גוט אינפֿאָרמירט וועגן דער זשענעווער גרופּע און איר אויפֿרוף, דאָס איז — גריגאָרי גורעוויטש. ער האָט אין די יאָרן 1880 — 1881 געלעבט אין דער שווייץ און איז געווען אַ נאָענטער

---

[6a] אַ. קירזשניץ אין זײַן אַרט׳ וועגן דער סאָצ׳ פּרעסע אין ייִדיש אין „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך“ ב׳ 1 („צענטרפֿאַרלאַג“ 1930), ז׳ 55 א״וו, פֿרעגט אָפּ די השערה וועגן לייזער צוקערמאַנען ווי דעם מחבר פֿונעם אויפֿרוף דערמיט, וואָס צוקערמאַן איז שוין צו יענער צײַט געווען אַרעסטירט און וואָס אין אויפֿרוף ווערן ציטירט אויסגאַבעס, וואָס זײַנען אַרויס נאָך זײַן אַרעסט (זע אויך זײַן אַרט׳ אין ז״ב Революционное движение среди евреев מאָסקווע, 1930). אָבער פּ. קורסקי דערקלערט דאָס דערמיט, וואָס צוקערמאַן האָט דעם פּראָיעקט צוגעגרייט פֿריִער, בעת ער איז נאָך געווען אין זשענעווע.

7 זע דעם ציט׳ ז״ב Революционное движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 36 און 48; פּ״גל אויך איר אַרט׳ אין „רויטע בלעטער“ (מינסק), ב׳ 1 — וועגן די מינסקער קרײַזלעך.

8 זע „ביאָ־ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן פֿון די רעוו׳ טוער“ (רוס׳), ב׳ 2 (70ער יאָרן), ה׳ 4, ביאָגראַפֿיע פֿון עפֿראָנען; זע וועגן אים אויך אויבן אין די דערקלערונגען צו גר. גורעוויטשעס זכרונות. וועגן דעם סטודענט וולאַדימיר דאָרפֿמאַן איז פֿאַראַן אַן אָנווײַז, אַז ער האָט געהערט צו די רעוו׳ קרײַזלעך אין אָדעס אין מיטן די 70ער יאָרן, האָט שפּעטער עמיגרירט אין דער שווייץ, ווו ער האָט זיך באַטייליקט אין פֿאַרלעגער־אַרבעט. וועגן גאָראָדעצקין איז כמעט גאָרניט באַקאַנט.

חבֿר, פֿון איין זײַט, פֿון יואל עפֿראָנען און פֿון דער צווייטער — פֿון לייזער צוקערמאַנען. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער אונטער דער פּסעוודאָנים „גרשון באַדאַנעס“ אָפּגעדרוקט אין „וואָסכאָד“ זײַנע „נאָטיצן פֿון אַן אָפּטריניקן“, וווּ ער האָט אַגבֿ דער ערשטער — אין רמזים, פֿאַרשטעלט פֿאַר דער צענזור — אָנגעוויזן אויפֿן זשענעווער אויפֿרוף.[9] אָבער אין יענער צײַט האָט קיינער אין רוסלאַנד זײַן רמז ניט פֿאַרשטאַנען און דערויף זיך ניט אַרומגעקוקט. פֿון קורסקים-ליאַכאָצקיס מיטטיילונג איצט הערן מיר, אַז אַ נאָענטע שײַכות צו דער „גרופּע“ האָט געהאַט וויגדאָרטשיק. אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור ווערט פֿאַר יענער צײַט דערמאָנט נאָר איין וויגדאָרטשיק סאָלאָמאָן (שלמה-חיים), וואָס האָט געשטאַמט פֿון מינסק (געבאָרן 1862?): אַ זון פֿון אַן אָרעמען שלאָסער, האָט ער זיך געלערנט אין מינסקער גימנאַזיע און באַטייליקט אין די ערשטע מינסקער קרײַזלעך, וואָס מיכאַיל ראַבינאָוויטש-טשאָרני האָט אָרגאַניזירט אין 1877, און, ווי מ׳קען פֿאַרשטיין, האָט ער געאַרבעט צוזאַמען מיט מ. וועלערן. אין 1879 איז ער אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד, האָט געלעבט אין זשענעווע און שפּעטער איז ער אַ געוויסע צײַט געווען אין רומעניע.[10]

פֿרילינג 1880 זײַנען, לויט דער איניציאַטיוו פֿון מ. דראַגאָמאַנאָוו אין זשענעווע פֿאָרגעקומען עטלעכע פֿאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס זײַנען דעבאַטירט געוואָרן זײַנע טעזיסן וועגן איבערבויען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין „מזרח פֿון אייראָפּע“ (רוסלאַנד) אויף פֿעדעראַטיווע יסודות לויטן נאַציאָנאַלן און שפּראַכלעכן פּרינציפּ אַנשטאָט דעם אָנגענומענעם גרויסרוסישן צענטראַליזם. דאָס זײַנען געווען די ערשטע גרויסע פּאָליטישע דיסקוסיעס אין דער זשענעווער קאָלאָניע. אין הסכּם מיט זײַנע טעזיסן האָט דראַגאָמאַנאָוו פֿאָרגעלייגט אָנצוהייבן אַרויסגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור ניט נאָר אין רוסיש אָדער פּויליש, נײַערט אויך אין די שפּראַכן פֿון די נאַציאָנאַלע מיעוטים אין רוסלאַנד, און בתוכם – אין ייִדיש.[11] די דאָזיקע אַפּיקורסישע געדאַנקען האָבן אַרויסגערופֿן אַ שטורעם פֿון וויכּוחים, וואָס האָבן זיך געצויגן אין משך פֿון עטלעכע אָוונטן. קעגן זײַנע פֿאָרשלאָגן זײַנען שאַרף אַרויסגעטראָטן די פֿאָרשטייער פֿון די רוסישע און פּוילישע רעוואָלוציאָנערע קרײַזן. צווישן די רוסישע זײַנען געווען אויך איינציקע ייִדן, ווי למשל לעוו דײַטש, וועלכער האָט מיט אַ באַזונדער היציקייט פֿאַרטיידיקט דעם גרויסרוסישן

---

9 גרשון באַדאַנעס [גריגאָרי גורעוויטש], Записки отщепенца אין „Восход“ 1884, נר׳ 3, ז׳ 10. די דאָזיקע אַרטיקלען, אין אַ האַלב-בעלעטריסטישער פֿאָרם, טראָגן אַ בפֿירושן אויטאָביאָגראַפֿישן כאַראַקטער. ער ציטירט דאָ אַן אויסצוג פֿונעם זשענעווער אויפֿרוף, הגם ווײַזט ניט אָן דעם אָרט פֿון אויפֿרוף און דאַטירט אים על-פּי טעות מיטן 18טן יוני 1880 (אַנשטאָט: 15טן יוני); ער שרײַבט קלאָר, אַז דער דאָזיקער ענין און די איניציאַטאָרן זײַנען אים גוט באַקאַנט. צי האָט ער אַליין ניט געהאַט עפּעס אַ שײַכות צו דער „גרופּע“? אין זײַנע זכרונות וועגן די יאָרן אין דער שוויץ (זע זײַן אַרט׳ „צווישן די רעוואָלוציאָנערן אין ציריך“ אין ז״ב „Еврейская Летопись“ ב׳ 4, לענינגראַד 1926) דערמאָנט ער מיט קיין וואָרט ניט וועגן דעם; אויך אין זײַן אַרכיוו, וואָס געפֿינט זיך אין אונדזער רשות, האָבן מיר קיין שום אָנווײַז דערויף ניט געפֿונען.

10 „ביאָ-ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן פֿון די רעוואָל׳ טוער“, ב׳ 2 (70ער יאָר), ה׳ 1, ז׳ 190. מיט זיכערקײַט קען מען פֿון דעסט וועגן ניט באַהויפּטן, אַז דאָס איז דער זעלביקער וויגדאָרטשיק: זײַן געבוירן-יאָר ווערט אָנגעגעבן 1862, און אויפֿן בילד (זע רעפּראָדוקציע) פֿון 1880 זעט ער אויס אַ סך עלטער; מעגלעך, אַז דאָס יאָר פֿון זײַן געבוירן ווערט אָנגעגעבן ניט ריכטיק.

11 זײַנע טעזיסן האָט מ. דראַגאָמאַנאָוו אַנטוויקלט דעמאָלט אין אַ רײ זײַנע אַרבעטן: Вниманию эмигрантов-социалистов из России (מאַי 1880), שפּעטער אין די אַרט׳ Естественные области и пропаганда социализма на плебейских языках (1882) און Евр. вопрос в славянском кружке в Лондоне (1882); זע די צײַט׳ זאַמלונג פֿון זײַנע פּאָליטישע ווערק, פּאַריז 1906, ב׳ 2, ז׳ 316 א״וו, ז׳ 330 א״וו און 541 א״וו.

צענטראַליזם און אַפילו חוזק געמאַכט פון די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן און זייער ליטעראַטור.[12] אויף די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען איז אין פאַרבינדונג מיט דראַגאָמאַנאָווס טעזיסן דעבאַטירט געוואָרן דער ענין וועגן דער געגרינדעטער „גרופּע סאָציאַליסטן־ייִדן“ און אירע פּלענער צו פירן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין ייִדיש. אַזוי אַרום איז מען געקומען צו דער ייִדן־פראַגע בכלל, און ס'איז פאָרגעקומען יענער ביז גאָר אינטערעסאַנטער דיאַלאָג צווישן דראַגאָמאַנאָוון, פון איין זייַט, און ניקאָלאַי זשוקאָווסקין, באַקונינס מיטקעמפער נאָך פון די 60 יאָרן — פון דער צווייטער, וועלכן פּ. קורסקי גיט דאָ איבער כמעט ווערטלעך לויט ליאַכאָצקיס עדות.

דער פאָרשלאָג אָנצוהייבן אַ פּראָפּאַגאַנדע אין ייִדיש האָט אַרויסגערופן אַ ביטול און אויפרעגונג ניט נאָר צווישן די רוסישע און פּוילישע רעוואָלוציאָנערן, נייַערט „באַזונדערס בייַ די רעוואָלוציאָנערן פון ייִדישן אָפּשטאַם“, ווי דראַגאָמאַנאָוו האָט שפּעטער אַ פאַרהידושטער געשריבן:[13] „וואָס פאַר אַ טענות האָט אייגנטלעך געקענט אַרויסרופן דער געדאַנק וועגן אַרויסגעבן די „כיטראַיאַ מעכאַניקאַ“ [באַקאַנטע רוסישע רעוואָלוציאָנערע פאָלקסבראָשור] נאָך אויף איין שפּראַך, זאָל זייַן אין „זשאַרגאָן“ — און פון דעסט וועגן האָט זיך די פאַרזאַמלונג שיער ניט פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן סקאַנדאַל, ווען ניט די אָנשטרענגונג און דער טאַקט פונעם פאָרזיצער“.

אַזוי האָבן די רעוואָלוציאָנערן אין יענער צייַט, אין דער ערשטער ריי די ייִדן־רעוואָלוציאָנערן, אויפגענומען די גרינדונג פון דער „גרופּע“. די „גרופּע“ איז בכן פאַרבליבן איזאָלירט און האָט קיין קיום ניט געהאַט. איר אויפרוף, ווי מ'קען פאַרשטיין, איז ניט אַרייַנגענומען געוואָרן אין די אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן, וואָס פלעגן געשיקט ווערן קיין רוסלאַנד, און דערפאַר איז זי דאָרט פאַרבליבן לגמרי אומבאַקאַנט.[14] אָבער די געדאַנקען, וואָס די זשענעווער „גרופּע“ האָט אַרויסגעטראָגן פאַר דער וועלט, זייַנען ניט געבליבן אין גאַנצן הענגען אין דער לופטן. אָן אַ שום דירעקטער השפּעה פון זשענעווע, פון זיך אַליין, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרווירקלעכט ווערן שוין דעמאָלט אין רוסלאַנד גופא, און אַ ברייטן און סיסטעמאַטישן כאַראַקטער האָבן זיי אָנגענומען מיטן אויפקום פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין „תחום“, ווי דאָס וועט באַריכות ווערן דערציילט אינעם ווייַטערדיקן קאַפּיטל וועגן דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין ייִדיש.

---

12 מיר ציטירן לויט ד. זאַסלאַווסקיס מאָנאָגראַפיע וועגן מ. דראַגאָמאַנאָוון (מאָסקווע 1934), ז' 193—194.

13 מיר ציטירן לויט זאַסלאַווסקיס בראָשור וועגן דראַגאָמאַנאָוון, אָבער — לויט דער ערשטער אויסגאַבע פון 1924 (קיִעוו), ז' 113 א"וו. אין 10 יאָר אַרום נאָך אָט דער ערשטער אויסגאַבע האָט ד. זאַסלאַווסקי אַרויסגעלאָזט אַ צווייטע, אַ סך אַן אויספירלעכערע, אָבער דערבייַ האָט ער „אויסגעגליכן די פעלערן“ פון זייַן ערשטער בראָשור (ווי ער ווייַזט אַליין אָן אין דער הקדמה), דאָס מיינט—מער צוגעפּאַסט זי צו די פאָדערונגען פון דער הערשנדיקער באָלשעוויסטישער געשיכטע־שרייַבונג; אין דער צווייטער אויפלאַגע פעלט דער ציטירטער אָרט.

14 ווען און ווו דער אויפרוף איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין רוסיש, ווערט אָנגעוויזן אויבן פון פּ. קורסקין; אַ ייִדישע איבערזעצונג איז אָפּגעדרוקט בייַ א. יודיצקי, דצ"ו; פאַר דעם האָט א. קירזשניץ אין זייַן צייט' אַרט' אין „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך“ אָפּגעדרוקט די הוספה צום אויפרוף (ער פלאָנטערט דערבייַ די ערשטע הוספה מיט דער צווייטער).

# פֿון אַ גרופּע סאָציאַליסטן־ייִדן *

אין דער לעצטער צײַט האָט די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע אַרויס־געגעבן פֿון זיך ניט קיין קליינע צאָל סאָציאַליסטן, פּונקט ווי אויך די ייִדן אין מערבֿ־אייראָפּע, באַזונדערס אין דײַטשלאַנד, האָבן געגעבן ניט קיין קליינע צאָל סאָציאַליסטן. ניט געקוקט דערויף, איז די ייִדישע מאַסע גופֿא אין מזרח־אייראָפּע לחלוטין ניט אָנגערירט געוואָרן פֿון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. און גראָד דאָ, אין רוסלאַנד און אין די מכּונהדיקע געגנטן פֿון עסטרײַך און רומעניע, איז באַזונדערס נייטיק אַ ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדע פֿון סאָציאַליזם צווישן ייִדן, וואָס זייער לאַגע — אין פּרט פֿון צאָל, שטייגער און שפּראַך — איז אין פֿאַרגלײַך מיט דער אַרומיקער אײַנגעבוירענער באַפֿעלקערונג לגמרי אַן אַנדערע, ווי די לאַגע פֿון ייִדן אין מערבֿ־אייראָפּע.

די הויפּטמאַסע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין אייראָפּע גרופּירט זיך גראָד אין איר מזרח־טייל — אין רוסלאַנד און צפֿון־מזרח פֿון עסטרײַך. בעת למשל אין פֿראַנקרײַך ציילט מען אָן ניט מער ווי 56.000 ייִדן, אין ענגלאַנד ניט מער ווי 50.000 און אין איטאַליע קאַרגע 45.000 און בעת דאָ זײַנען זיי כּמעט אין גאַנצן אַסימילירט מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, — בילדן זיי אין מזרח־אייראָפּע, אַ דאַנק די באַזונדערע היסטאָרישע סיבות, איין געשלאָסענע און קאָמפּאַקטע מאַסע, וואָס איר צאָל דערגייט ביז איבער 4 מיליאָן, און וואָס זי שיידט זיך אונטער פֿון די אַלט אײַנגעזעסענע נאַציעס מיט איר אייגענעם וועלטבאַנעם און שטייגער לעבן.

לויט דער שפּראַך קענען זיי [די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן] אײַנגעטיילט ווערן אין דרײַ גרופּעס: 1) ייִדן וואָס וווינען אין די דרום־מערבֿדיקע און דרום־מערבֿדיקע גובערניעס פֿון רוסלאַנד און אין צפֿון־מזרחדיקן טייל פֿון עסטרײַך — אין גאַליציע (מזרח־ און מערבֿ־גאַליציע), אין אַ צאָל פֿון 2 מיליאָן מענטשן; 2) ייִדן פֿון די צפֿון־מערבֿדיקע — ווײַסרוסיש־ליטווישע — גובערניעס, אין אַ צאָל ביז איין מיליאָן און 3) ייִדן פֿון די געגנטן בײַ דער ווײַסל [פּוילן] — אויך אַ מיליאָן.

אָבער צווישן די דאָזיקע אַלע „זשאַרגאָנען", וואָס אין יסוד פֿון זיי ליגט די אַלטדײַטשע שפּראַך, אין וועלכער ס'זײַנען שפּעטער אַרײַן ווערטער אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע, פּוילישע און גרויסרוסישע, איז כּלל ניט פֿאַראַן אַזאַ שאַרפֿער חילוק, ווי אייניקע שטעלן זיך פֿאָר. אַ געבוירענער אין ליטע למשל רעדט זיך צונויף אָן באַזונדערע שוועריקייטן מיט אַ וואָלינער ייִדן, מחמת דער הויפּט־חילוק צווישן די צוויי דיאַלעקטן איז כּמעט נאָר אין דער אויסשפּראַך. וואָס איז שייך די ניט־דײַטשע עלעמענטן, קען מען זיי לײַכט פֿאַרשטיין, באַזונדערס אין גאַנג פֿון ריידן, און בכּל אופֿן שטערן זיי ניט צו פֿאַרשטיין דעם הויפּטגעדאַנק, ווי עס טרעפֿט בכּלל בײַם לייענען איבערגעזעצטע ביכער, וואָס זײַנען פֿול מיט באַרבאַריזמען.

וואָס איז שייך דער מיינונג, אַז ייִדן „קענען" כּלומרשט די שפּראַכן פֿון יענע פֿעלקער, צווישן וועלכע זיי וווינען, דאַרף מען אָנווײַזן, אַז היות ווי ייִדן געפֿינען זיך אין שטענדיקע באַציִונגען מיט ניט־ייִדן, באַהערשן זיי אמת ווי ניט איז זייער געשעפֿטלעכע שפּראַך. אָבער דערפֿון איז כּלל ניט געדרונגען, אַז זיי קענען טאַקע די פֿרעמדע ליטעראַרישע שפּראַכן, דאָס מיינט לייענען און שרײַבן. די גרעסטע מערהייט ייִדן, באַזונדערס אין רוסלאַנד, קען ניט קיין אַנדער אלף־בית, חוץ דעם ייִדישן. און דערצו איז אַ גרויסער ספֿק, און סימנים דערצו זײַנען פֿאַראַן אַ סך, צי זיי זאָלן ווי אַ מאַסע האָבן דעם חשק צו באַנוצן זיך מיט דער ליטעראַטור אויף די ניט־ייִדישע שפּראַכן... דערבײַ אָבער דאַרף מען געדענקען דעם ביז גאָר וויכטיקן אומשטאַנד, אַז ייִדן קענען כּמעט אַלע לייענען און שרײַבן אין זייער שפּראַך, בעת העבֿרעיִש, פֿון אויסלענדישע שפּראַכן שוין אָפּגערעדט, קענען ניט און פֿאַרשטייען ניט — לויט ווי פּאָלינקאָווסקי האָט עס

---

* די הערות מיט אַ שטערנדל געהערן אונדז, מיט ציפֿערן — די מחברים פֿון אויפֿרוף. — רעד׳.

# ОТ ГРУППЫ СОЦІАЛИСТОВ-ЕВРЕЕВ

В послѣднее время из среды еврейскаго населенія Восточной Европы вышло немалое число соціалистов, подобно тому, как относительно немалое число их дано евреями и Западной Европѣ, особенно Германіи. Но, не смотря на это, в Вост. Европѣ сама еврейская масса совсѣм не затронута пропагандою соціализма. А между тѣм тут, в Россіи и в прилежащих к ней краях Австріи и Румыніи, настоит особенная необходимость в спеціальной пропагандѣ соціализма среди евреев, которых положеніе, — по количеству, быту и языку, — относительно масс туземцев, существенно различается от положенія евреев в Западной Европѣ.

Главная масса еврейскаго населенія Европы группируется именно в восточной ея части, — в Россіи и сѣверо-восточной Австріи. В то время, как во Франціи, например, их насчитывается не болѣе 56.000 человѣк, в Англіи не болѣе 50.000, а в Италіи едва 45.000, и гдѣ они почти совсѣм уже ассимилировались с мѣстными народностями, — в Вост. Европѣ они, по особым историческим причинам, составляют одну замкнутую и тѣсно сплоченную массу, численностью в четыре слишком милліона, отличающуюся от туземных націй своим міровоззрѣніем и бытовыми особенностями.

По языку их можно раздѣлить на три группы: 1) на евреев, населяющих южныя и юго-западныя губерніи Россіи и сѣверо-восточную часть Австріи — Галицію (восточную и западную), в количествѣ 2 милл. человѣк, 2) евреев сѣверо-западных—бѣлорусско-литовских—губерній, числом до 1 милл., и 3) евреев Привислянскаго края, — тоже в 1 милл.

Но всѣ эти «жаргоны», имѣя в основаніи своем древне-нѣмецкій язык, в который потом вошли слова украинскія, бѣлорусскія, польскія и великорусскія, вовсе не так рѣзко отличаются один от другаго, как нѣкоторые думают: уроженец Литвы, например, без особеннаго труда об'ясняется с волынским евреем, так как главное различіе между этими нарѣчіями заключается почти только в произношеніи. Что касается не-нѣмецких элементов, то они, особенно в связной рѣчи, легко могут быть понимаемы и, во всяком случаѣ, не мѣшают пониманію общей мысли, как это вообще бывает при чтеніи переводных книг, усѣянных варваризмами.

Относительно же мнѣнія, будто евреи «знают» языки тѣх народов, посреди которых они живут, должно замѣтить, что, находясь в постоянных сношеніях с не-евреями, они дѣйствительно кое-как справляются с их дѣловым языком, но из этого вовсе не слѣдует, что они *знают*, т. е. умѣют читать и писать на чужих литератуных языках. Огромное большинство евреев, особенно в Россіи, не знает другой азбуки, кромѣ еврейской. Да к тому же, по многим признакам, очень сомнительно, чтоб они даже, как *масса*, захотѣли пользоваться литературой на не-еврейских языках..... А между тѣм не должно упускать из виду того, чрезвычайно важнаго, обстоятельства, что евреи по своему почти всѣ поголовно грамотны, тогда как, не говоря уже об иностранных, даже гебрейскаго языка, по Полинковскому*), не знает и не понимает в литовских и юго-западных губ. 35 — 40%, а в южных — 20—25% всего еврейскаго населенія, преимущественно класс мелких торговцев, ремесленников и чернорабочих. А язык ли рѣчь евреев или жаргон, груба и неблагозвучна ли

*) «Труды этно-стат. экспедиціи въ зап.-русскій край» (том VII), П. Чубинскаго.

אויפרוף פון דער זשענעווער „גרופע סאָציאַליסטן-יידן“ 1880 (ערשטע זייט)

באַוויזן[1] — אין די ליטווישע און דרום־מערבֿדיקע גובערניעס 35 — 40 פּראָצענט [?] און אין דרומדיקע גובערניעס 20 — 25 פּראָצענט [?]* פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, אַ קלאַס דער עיקר פֿון קליינהענדלער, בעלי־מלאָכות און שוואַרצע אַרבעטער. און צי איז די ריידשפּראַך פֿון די ייִדן באמת אַ שפּראַך, אָדער זי איז אַ זשאַרגאָן, צי איז זי יאָ אַ מגושמדיקע און שלעכט קלינגענדיקע שפּראַך, אָדער ניט — דאָס גייט אונדז, סאָציאַליסטן, גאָר ניט אָן. און אַוועקמאַכן מיט דער האַנט אַ כּמעט פֿיר־מיליאָניקע מאַסע נאָר דערפֿאַר, וואָס איר לעבעדיקער שפּראַך פֿעלן קלאַסישע מעלות, וואָלט געווען צום ווינציקסטן אומפּראַקטיש.

פֿון דער צווייטער זײַט דאַרפֿן די סקעפּטיקער האָבן אין זינען דעם פֿאַקט, וואָס ניט געקוקט אויף די אומבאַקוועמקייטן און ניט־געשליפֿנקייט פֿון דער שפּראַך, פֿאַרמאָגן ייִדן (אין איר) חוץ אַ ריין־רעליגיעזער ליטעראַטור, אויך אַ גאַנץ היפּשע ליטעראַטור פֿון אַ נײַער, אַזוי צו זאָגן וועלטלעכער ריכטונג, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון די ייִדישע פּראָגרעסיסטן.[2]

זי נעמט אַרום: מעשׂיות, דערציילונגען, ראָמאַנען, פּאָעזיע אין אייגנטלעכן זינען פֿון וואָרט אאַז״וו. די הויפּטטעמע איז דאָ — אָנפֿאַלן אויף די פּאַטריאַרכאַלע אָרדענונגען בײַ ייִדן, אויף זייער כינעזישער אָפּגעשלאָסנקייט, אויף דער אומגעלומפּערטער דערציִונג פֿון דער יוגנט, אַ בײַסיקע סאַטירע אויף די ייִדישע גײַסטיקע פֿירער, אויף די צדיקים און חסידים וכדומה. פֿון די פּאָעטן, וואָס שרײַבן אין „זשאַרגאָן“, זײַנען באַזונדערס פּאָפּולער צווישן ייִדן אין גאַליציע בערקאָ פֿון בראָד,** אין ליטע — אליקום פֿון ווילנע (אליקום דער בדחן)*** און אין דרום־רוסלאַנד — גאָלדפֿאַדען. חוץ דעם זײַנען אין ייִדישן „זשאַרגאָן“ אַרויס אַפֿילו אַ 2—3 צײַטונגען און אין ניכן הייבט אָן אַרויסגיין, ווי „נאָוואָיע ווערעמיאַ“ איז מודיע, אַ נײַע צײַטונג, אונטער דער רעדאַקציע פֿון איינעם בינשטאָק.**** און אין דער לעצטער צײַט האָבן זיך אַפֿילו באַוויזן ווערק פֿאַר דער ס צ ע נ ע און טרופּעס פֿון ייִדישע אַקטיאָרן, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די ה״ה גאָלדפֿאַדען און ראָזענבערג, וועלכע פֿאָרן אַרום איבער גאַנץ דרום־ און מערבֿ־רוסלאַנד און ציִען צו אומעטום אַ גרויסן ייִדישן עולם. אָט וואָס עס זאָגט אגבֿ וועגן דעם ייִדישן טעאַטער דער אָדעסער קאָרעספּאָנדענט פֿון זשורנאַל „ראַזסוועט“:

„די עקסיסטירנדיקע פּרעסע־אָרגאַנען אין העברעיִש[3] פֿירן דורך אין דער ייִדישער מאַסע די אָדער יענע אידעען. אָבער ניט אַלע האָבן די מעגלעכקייט צו לייענען די דאָזיקע צײַטונגען;

---

[1] Труды этно-стат. экспедиции в запад.-русский край (том VII) П. Чубинскаго.

* דאָ איז אַ טעות אין די ציפֿערן: אין דרום־רוסלאַנד איז די קענטעניש פֿון העברעיִש זיכער ניט געווען קיין גרעסערע ווי למשל אין ליטע.

[2] מיר זײַנען זייער ווײַט דערפֿון צו אָנערקענען, אַז די טעטיקייט פֿון די ייִדישע „פּראָגרעסיסטן“ קען האָבן אַ וואָסער ניט איז באַטײַט צו ראַטעווען די ייִדישע מ אַ ס ן; זיי פּרוּוון אין דער ייִדישער און גרויס־רוסישער ליטעראַטור צו פֿאַרענטפֿערס עפּעס ספּעציעל י ײ ד י ש ע פּראָבלעמען, און פֿאַר אונדז, סאָציאַליסטן, האָבן אַזעלכע פֿאַרענטפֿערס קיין מאָל ניט עקסיסטירט און קענען ניט עקסיסטירן. פֿאַר אונדז ווערן אַלע פּרט־פֿראַגעס בטל לגבי דער אַלגעמיינער פֿראַגע — פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס נאָר זי אַליין איז מסוגל אָפּצושאַפֿן די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע קנעכטשאַפֿט פֿון מענטשן און שוין דערמיט אַליין פֿאַרענטפֿערן אַלע לפּי־ערך קליינע פֿראַגעס. אָבער מיר חזרן איבער: אויף דער דאָזיקער ליטעראַטור האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט נאָר בכדי צו באַווײַזן די פֿאַלשקייט פֿון דער הנחה, אַז צווישן ייִדן איז כּלומרשט קיין שום פּראָפּאַגאַנדע (און ממילא אויך אַ סאָציאַליסטישע) ניט מעגלעך, דערפֿאַר, וואָס עס פֿעלט זיי אַן אַנטוויקלטע שפּראַך.

** וועט געמיינט בערל בראָדער פֿון גאַליציע (מרגליות, 1815 — 1868), דער באַוווּסטער ייִדישער פֿאָלקסזינגער, אָנפֿירער פֿון דער טרופּע „די בראָדער זינגער“.

*** געמיינט — אליקום צונזער (1840 — 1913), דער באַוווּסטער בדחן און פֿאָלקסזינגער.

**** ווערט מסתּמא געמיינט יהודה־ליב בינשטאָק (1836—1894), אַ רוסיש־ייִדישער זשורנאַליסט, וואָס איז געווען זייער באַפֿרײַנדט מיט מענדעלע מוכר־ספֿרים און האָט אין יענער צײַט געלעבט אין פּעטערבורג און מעמעות געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע צײַטונג.

[3] לויט דעם אָנווײַז פֿון Российская Библиография זײַנען אין 1879 אַזעלכע אָרגאַנען געווען 4.

אייניקע — מחמת דעם, וואָס זיי קענען ניט די שפּראַך, דאָס רובֿ אָבער — מחמת דעם, וואָס זיי זײַנען אָרעם. חוץ דעם האָבן די דאָזיקע אָרגאַנען לחלוטין ניט אין אויג די פּרוויען, וואָס וואָלטן געקענט שטאַרק צוהעלפֿן אַ רוק טון פֿאָרויס די פֿאַרשפּרייטונג פֿון בילדונג און אַלגעמיין מענטשלעכע אַנטוויקלונג צווישן ייִדן; די ווײַט גרעסטע מערהייט זייערע קען ניט קיין העברעיִש. בכדי דורכצופֿירן אין אָט דער סבֿיבֿה די אידעען פֿון אַלגעמיינער בילדונג, איז דאָס בעסטע, פֿאַרשטייט זיך, צו גרינדן אַן אָרגאַן אין „זשאַרגאָן" און דעם יערלעכן פּרײַז פֿון דער צײַטונג פֿאַרקלענערן ביזן קלענסטן מינימום, אָבער פֿאַרן זעלביקן צוועק וואָלטן אויך געקענט דינען אַ ריכטיק אײַנגעאָרדנטער ייִדישער טעאַטער. מ׳דאַרף זען, מיט וואָס פֿאַר אַן ענטוזיאַזם מען אַפּלאָדירט בײַ אונדז יונהן, בעת ער זינגט אין תּפֿיסה דאָס לידל: „שטיי אויף, וואַך אויף, מײַן פֿאָלק!", בכדי צו פֿאַרשטיין, ווי עס ווירקן אידעען, פֿאַרקערפּערט אין לעבעדיקע געשטאַלטן, אויף אונדזערע גרינג שפּירעוודיקע גלויבנס־ברידער. אמת, טעאַטערס קענען געגרינדעט ווערן נאָר אין די גרויסע ייִדישע צענטערס, בעת אַ זשאַרגאָנישע צײַטונג קען אַרײַנדרינגען אומעטום, אין אַלע ווינקעלעך פֿון דער ייִדישער וועלט" (1880, נומער 5, ז׳ 170).

און אין אַן אַנדער אָרט [שרײַבט דער קאָרעספּאָנדענט]:

„מען זאָגט, אַז דער ייִדישער זשאַרגאָן קלינגט ניט שיין און טויג ניט פֿאַרן טעאַטער; לאָמיר אָננעמען, אַז ער קלינגט טאַקע ניט שיין, אָבער דערפֿאַר האָט ער איין מעלה, וואָס מ׳קען זי אין קיין אַנדער שפּראַך ניט געפֿינען,[4] הײַנו: ער איז פֿאַרשטענדלעך פֿאַר דער גאַנצער פּשוטער ייִדישער מאַסע. דער ייִדישער טעאַטער האָט אונטער זיך אַ פֿעסטן באָדן, מחמת ער איז צוטריטלעך פֿאַר דער גאַנצער ייִדישער מאַסע" (ז׳ 168).

אָט דער אויפֿקום פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור און די באַציִונג צו איר מצד די ייִדישע מאַסן געפֿינט זיך אין פֿולן הסכּם מיט דעם פֿאַקט, וואָס אומעטום ווערן געבוירן און לעבן אויף די ליטעראַטורן אין די פּשוטע פֿאָלקשפּראַכן, ווי מ׳קען עס מערקן די לעצטע צײַט אין גאַנץ אייראָפּע. דאָס ווײַזט אָן אויף דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט אויך פֿאַר סאָציאַליסטן צו באַנוצן זיך מיט אַזאַ מעכטיקן געצײַג ווי די לעבעדיקע שפּראַך פֿון די פֿאָלקסמאַסן, כּדי אַרײַנצודרינגען אין די סאַמע טיפֿענישן פֿון זייער לעבן און זייער פֿילן.[5]

---

4 דער מחבר האָט אַ פּנים געהאַט אין זינען די ליטעראַריש־מלוכישע שפּראַכן, ער האָט אָבער פֿאַרגעסן אָדער ניט געוווּסט, אַז ניט נאָר בײַ ייִדן, נאָר אויך בײַ אַנדערע אייראָפּעיִשע פֿעלקער, וואָס זײַנען פּאָליטיש ניט זעלבשטענדיק, עקסיסטירט אַ י י ן שפּראַך פֿאַר דער מאַסע און אַן אַנדערע פֿאַר דער ליטעראַטור, ווי למשל בײַ די אוקראַיִנער, גרוזינער א״אַ [די דאָזיקע הערה געהער קענטיק די פֿאַקטישע אַרויסגעבער פֿון אויפֿרוף און איז מסתּמא צוגעשריבן פֿון מ. דראַגאָמאַנאָוו]. — רעד׳

5 די פֿאַקטן זע בײַ מ. דראַגאָמאַנאָוו: „די נײַ־קעלטישע און פּראָוואַנסאַלער באַוועגונג אין פֿראַנקרײַך" אין „Вестник Европы" אויגוסט און סעפּטעמבער 1875; אויך זײַן [אַרטיקל]: „צו דער פֿראַגע וועגן דער קליינרוסישער ליטעראַטור". — און אָט וואָס עס שרײַבט ג ע ר צ ע ן, פֿאַרטיידיקנדיק די רעכט פֿון דער אוקראַיִנישער שפּראַך אין די געריכטן און שולן פֿון דרום־מערבֿדיקער געגנט קעגן די סאָפֿיזמען פֿון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע און רוסישער ביוראָקראַטיע:

„אין דעם באַשטייט דאָך די גאַנצע קללה, וואָס אויסשליסלעך איין קלאַס געניסט דערציִונג און דער צווייטער — אומוויסן, וואָס פֿאַר איין קלאַס זײַנען פֿאַראַן אי ביכער אי שולן, בעת פֿאַרן אַנדערן — גאָרניט, אַפֿילו ניט קיין שרײַבשפּראַך". „...איין מאָל, אין בריסל, האָב איך מיר שפּאַצירט איבער דער שטאָט, זונטאָג אין דער פֿרי. אין די קלויסטערס — אַ מוראדיק גרויסער עולם. איך גיי אַרײַן אין איין קלויסטער — מען האַלט אין פּרעדיקן; די כּוונה, מיט וועלכער דער פּשוטער עולם האָט צוגעהערט, האָט מיך פֿאַרחידושט. איך בין אַוועק אין אַ צווייטן, אין אַ דריטן קלויסטער — אומעטום דאָס אײגענע: וואָס איז דער מער? אַלץ לאַקאָרדערן אָדער ראַוויניאַנען [באַרימטע רעדנער]? ניין. אָבער די גלחים פּרעדיקן אין פֿ ל ע מ י ש. פֿון דעם דריטן קלויסטער בין איך אַריבער אין אַ קאַפֿע: אַ הויפֿן צײַטונגען — אַלע פֿראַנצייזישע, אין אַ צווייטן — ווידער דאָס זעלבע: אַפֿישן, וואָדעווילן, פֿאַרסן, דראַמעס און אָפּערעס — אַלץ אין פֿראַנצייזיש; ראָמאַנען און

צום סוף האַלטן מיר פֿאַר ניט איבעריק צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם הערשנדיקן פֿאָראורטייל, אַז דאָס גאַנצע ייִדנטום באַשטייט כּלומרשט נאָר פֿון אַ קלאַס בורזשואַ־עקספּלואַטאַטאָרס, און פֿאַר זיי האַלטן דרשות וועגן סאָציאַליזם איז אַן אומדאַנקבאַרע און אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבעט. אָבער ווער עס איז אַ ביסל באַקאַנט מיטן אָביעקט פֿון זײַנע אָנפֿאַלן, דער ווייס, אַז אויך בײַ ייִדן זײַנען פֿאַראַן סײַ עקספּלואַטאַטאָרס און סײַ האָרעפּאַשניקעס־פּראָלעטאַריער. די אָרעמקייט פֿון דער ייִדישער מאַסע ווערט פּעסטגעשטעלט פֿון אַ סך פֿאָרשער, און די שטרעבונג אַרויסצורײַסן זיך פֿון קבצנישן צושטאַנד און אַריבערגיין אין די רייען פֿון די „זאַט הוליענדיקע“ איז כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז פֿאַר ייִדישע אָרעמע לײַט, נאָר פֿאַר אַלעמען, צו וואָסער נאַציע מען זאָל ניט געהערן. און וואָס איז שייך די עקספּלואַטאַטאָרס, מעגן זיי זײַן ייִדן אָדער ניט־ייִדן — זײַנען זיי אַלע גלײַך שעדלעך, לויט אונדזער מיינונג. עס איז באַקאַנט, אַז אַ גרויסער טייל און אין אייניקע ערטער דאָס רובֿ בעלי־מלאָכות אין די מערבֿ־רוסישע גובערניעס זײַנען ייִדן: זיי זײַנען שוסטערס, שנײַדערס, קירזשנערס, שמידן, בלעכערס, סטאָלערס, מולירערס, שטיינהאַקערס, ברוקירערס, הויזאַרבערס, אויוונמאַכערס וכדומה. צווישן זיי זײַנען אויך פֿאַראַן ניט ווייניק שוואַרצע אַרבעטער, וואָס לעבן אין גרויס דחקות, בײַ אַ קינסטלעך באַגרענעצטן מאַרק פֿאַר זייער אַרבעטקראַפֿט.

מיר האַלטן פֿאַר גאַנץ אינטערעסאַנט די באַמערקונגען פֿון פּאָלינקאָווסקין וועגן די פֿאַרשטייער פֿון אייניקע מלאָכה־פֿאַכן, וואָס זײַנען אין מערבֿ־געגנט פֿאַרשפּרייט דער עיקר צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. ער שרײַבט:

„די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג צווישן ייִדן איז ניט גינציק געשטימט צו די דאָזיקע מלאָכות (ס׳מיינט צו שנײַדערײַ, שוסטערײַ און קירזשנערײַ) און קוקט אויף די מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט אָט די דערמאָנטע מלאכות ווי אויף מענטשן מאָראַליש נידעריקערע פֿון די אַנדערע. די ייִדן, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט די דערמאָנטע מלאָכות, שיידן זיך באמת אונטער פֿון די אַנדערע מיט זייער רעליגיעזן אינדיפֿערענטיזם און בכלל מיט זייער לעבעדיקן און פֿריילעכן כאַראַקטער, וואָס איז פֿרעמד די אַלטמאָדישע ייִדן“. נאָך דעם ווי דער מחבר דערקלערט די סיבות פֿון דער דאָזיקער דערשײַנונג, הײַנו: די שפּעטע חתונות, דאָס פֿעלן פֿון אַ וואָסער עס איז השגחה מצד די עלטערן, דער גלײַכגילט צום בית־מדרש, דאָס בשותּפֿותדיקע אַרבעטן מיט אַרבעטער פֿון אַנדערע נאַציעס וכדומה, — שרײַבט ער ווײַטער: „דער ייִדישער

---

דערציילונגען — דאָס אייגענע. און דעריבער גייט דאָס טאַקע ניט ווײַטער פֿונעם לאָקאַי און דער שטובדינסט. דאָס פֿאָלק שטייט פֿון יענער זײַט ליטעראַטור און איז איבערגעלאָזט צו די גלחים — און זיי באַאַרבעטן דאָס אויף זייער שטייגער. און די בעלגיער, וואָס רעדן פֿראַנצייזיש, חידושן זיך אויפֿן פֿאַנאַטיזם פֿון פֿאָלק. די זעלביקע דערשײַנונג האָב איך געזען אויך אין פּיעמאָנט [פּראָווינץ פּיעמאָנט — אין צפֿון־איטאַליע, פֿריִער דער צענטער פֿון סאַרדינישן קיניגרײַך]. — רעד׳.

„אויף אָט דער צעשפּאַלטונג פֿון די פֿעלקער אין צוויי שיכטן — איינעם וואָס איז באַגאָסן מיט ליכט און שווימט ווי פּוטער, — איבערן תּהום, און דעם צווייטן, אַ טיפֿן און טונקעלן, אַרומגערינגעלט מיט אַ חושך, — זײַנען דורכגעפֿאַלן אַלע רעוואָלוציעס. זיי זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿאַר אַ באַדײַטיקן קלאַס (ניט לויט זײַן צאָל, נאָר לויט זײַנע רעכט), וואָס אויסשליסלעך ער האָט געגאָסן פֿון בילדונג — צו די מאַסן האָט דאָס קיין שײַכות ניט געהאַט“ (קאָלאָקאָל“, נומער 116, פֿון 15טן דעצעמבער 1861, „וועגן דעם בריוו פֿון וואָלין“).

פֿון יענער צײַט אָן, ווען גערצען האָט געמאַכט זײַנע אָבסערוואַציעס, האָט זיך באַוויזן צו אַנטוויקלען ניט בלויז די קלעריקאַלע פֿלעמישע ליטעראַטור, נאָר אויך די ליבעראַלע, און סוף כּל סוף האָבן זיך גענומען צו דער פֿלעמישער שפּראַך אויך די סאָציאַליסטן — און איצט זײַנען די פֿלאַמאַנדישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס איינע פֿון די שטאַרקסטע אין אייראָפּע. אָפּהיטנדיק זייער לאָקאַלע פֿאָרם, זײַנען זיי אין דער זעלביקער צײַט פֿאַראייניקט מיט די וואַלאָניש־פֿראַנצייזישע גרופּעס אין איין פֿעדעראַטיווער „בעלגישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי“ און אָנגעשלאָסן אָן די לויט דער שפּראַך קרובֿישע האָלענדישע גרופּעס.

בעל־מלאָכה, הגם ער ווערט ניט פֿארשײַט (פֿארשײַטקייט* איז אומבאַקאַנט אויך אין דער דאָזי־קער סביבה), ווערט ער פֿון דעסט וועגן גלײַכגילטיק צו אייניקע רעליגיעזע מינהגים. און בכלל, דאָס לעבן און די אויפֿפֿירונג פֿונעם בעל־מלאָכה טראָגן ניט אויף זיך קיין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן שטעמפּל, וואָס מערקט זיך בײַ די אַנדערע ייִדן פֿונעם אַלטן שניט" (ז' 89 און 91).

ניט קיין קלענערן אויפֿמערק סאַרדינט אויך די ספּעציפֿיש־ייִדישע אינטעליגענץ, דאָס מיינט יענע, וואָס האַלט אין לערנען די ייִדישע רעליגיעז־סאָציאַלע פֿילאָסאָפֿיע אין די אַזוי גערופֿענע תּלמוד־תּורות און קלויזן, און אויך דער גאַנץ באַדײַטיקער שיכט פֿון ליבעראַלע ייִדישע יונגע לײַט, וואָס ווערן פֿאַר זייער אַפּיקורסות גערופֿן צווישן ייִדן מיטן נאָמען „דײַטשלעך" אָדער „בערלינער". פּאָלינקאָווסקי שרײַבט וועגן זיי:

„דאָס גרונטיקע שטודירן דעם תּלמוד און בפֿרט נאָך דעם תּנך און די אַנדערע טעאָלאָגיש־פֿילאָסאָפֿישע ספֿרים מאַכט דעם יונגן קלויזניק לחלוטין אומפֿעיִק אויפֿצונעמען די חסידישע אידעען — און ס'איז גענוג אַ פּאָר זײַטן פֿון אַ מאָדערנער צײַטונג, אָדער עפּעס אַן אומבאַדײַטיק ווערק פֿון מענדעלסאָנען אָדער פֿון עמעצן פֿון זײַנע אָנהענגער, בכדי דער גאַנצער אופֿן טראַכטן און די טענדענץ פֿונעם יונגן מאַן זאָל זיך ראַדיקאַל ענדערן. אין דער איצטיקער צײַט טרעפֿן פֿאַלן (מיט וועלכע אונדז אַליין איז אויסגעקומען עטלעכע מאָל צו באַגעגענען זיך), ווען אַ יונגער ייִד, וואָס געפֿינט זיך נאָך אויף קעסט בײַ די עלטערן און פֿאַרנעמט זיך מיט לערנען גמרא און רעליגיעזע ליטעראַטור, קען ניט קיין איין אייראָפּעיִשע שפּראַך און פֿון אויסווייניק אַן אמתער חסידישער קלויזניק, איז ער לויט זײַן שטייגער טראַכטן און לויט זײַנע איבערצײַגונגען אַן עכטער פּראָגרעסיסט, אַ דאַנק די עטלעכע מאָדערנע ווערק אין העברעיִש, וואָס ער האָט באַוויזן דורכצו־לייענען בשתיקה פֿון זײַנע עלטערן און זײַנע חבֿרים, די חסידים" (ז' 77).

די אויבן דערמאָנטע אַרבעטער און די אינטעליגענץ זײַנען געוויס אַ פּאַסיק פֿעלד פֿאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פֿין סאָציאַליסטישע אידעען. אָבער די ייִדן־סאָציאַליסטן האָבן ביז איצט געהאַלטן פֿאַר איבעריק צו באַשעפֿטיקן זיך מיט זייער אייגן פֿאָלק. דאָס דערקלערט זיך הן מיט די פֿאָראורטיילן בנוגע ייִדן, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט אין אָנהייב און וועלכע דאָס רובֿ ייִדישע יוגנט האָט אויך איבערגענומען, און הן מיט יענע ספּעציפֿישע תּנאָים, אין וועלכע די דאָזיקע יוגנט האָט זיך געפֿונען: אַ יונגער מאַן, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון דער שטיקנדיקער ייִדישער אַטמאָספֿער אין אַ מלוכה־שול און האָט זיך אָנגעטראָפֿן, הן מצד ייִדן, אַזוי אויך מצד ניט־ייִדן, אויף אַ פֿאַראַכטונג צו „זשידעס", זעלטענער אָן אָפֿענע, אָבער אַ באַהאַלטענע כמעט תּמיד, — אַזאַ יונגער מאַן האָט געזוכט צו פֿאַרגעסן די ייִדישע שפּראַך און אַפֿילו (ווי אומנאַטירלעך דאָס זאָל ניט זײַן) זײַן אייגענעם ייִדישן אָפּשטאַם; וועגן אַ דער־נענטערונג צו דער ייִדישער מאַסע האָט שוין דאָ פֿאַרשטייט זיך קיין רייד ניט געקענט זײַן. אָבער ווען ער איז שוין אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פֿון די סאָציאַליסטן, האָט ער אויך דאָרטן ניט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד צו זײַנע ביז גאָר אומפּראַקטישע טענדענצן. אים איז אַפֿילו ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז די דערנענטערונג פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַריער צו די פּראָלעטאַריער פֿון אַנדערע לענדער כדי אויסקעמפֿן רעכט פֿאַר אַרבעט קען דערגרייכט ווערן דער עיקר דורך מענטשן, וואָס שטאַמען אַליין פֿון ייִדן. און דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא איז געווען, וואָס די סאַמע פּראָגרעסיווע און בעסטע כּוחות האָבן זיך אָפּגעריסן פֿין זייער פֿאָלק, איבערלאָזנדיק אים אַפֿילו אין אומוויסן בנוגע דער עצם עקסיסטענץ פֿון אַ סאָציאַלער פֿראַגע. אמת, אַן ערנסטער פּרוּוו צו אָרגאַניזירן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פֿאַר ייִדן איז געמאַכט געוואָרן אין די 70ער יאָרן פֿון ליבערמאַנען, אָבער לויט אונדזער מיינונג האָט זי שוין „אַ פּריאָרי" ניט געקענט האָבן קיין דערפֿאָלג, דער עיקר דערפֿאַר, וואָס אין יסוד פֿון איר איז געלעגן די העברעיִשע שפּראַך, אַ שפּראַך אַ טויטע פֿאַר דער מאַסע. און מיטן דאָזיקן איינציקן פּרוּוו האָבן זיך אויסגעשעפּט אַלע פּלענער פֿון פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ייִדישער מאַסע.

---

* דאָ קומט אַ צושריפֿט אין קלאַמערן, משמעות פֿון די פֿאַקטישע אַרויסגעבער: „(דער מחבר קענטיק פֿאַרשטייט ענג דעם באַגריף פֿאַרשײַטקייט)".

אזא באַציִונג מצד דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער יוגנט צו איר איגן פאָלק קען ווייטער ניט געדויערן.—מיר, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס שטאַמען פון ייִדן, פראָטעסטירן אין נאָמען פון די אינטערעסן פונעם סאָציאַליזם גופא קעגן דעם, וואָס די ייִדן־סאָציאַליסטן דערווייטערן זיך אלע פון זייערע מאַסן. מיר ווייזן, פאַרשטייט זיך, קיינעם ניט אָן, וואָסער פאָלק יעדערער דאַרף אויסקלייבן פאַר זיין טעטיקייט—מיר באַהויפּטן נאָר, אז ס'איז שוין ציַיט צוצוציִען צו דער אַרבעט פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אויך די מאַסע אַרבעטער־ייִדן.

און דעריבער, אויפן סמך פון דעם,

וואָס „די עמאַנסיפּאַציע פו. די אַרבעטער איז אַן אויפגאַבע ניט קיין אָרטיקע, ניט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר א סאָציאַלע, וואָס נעמט אַרום אַלע לענדער, ווו עס הערשט די נייַסטע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, און דערביַי הענגט אָפּ איר פאַרענטפערונג פון דער בשותפותדיקער טעאָרעטישער און פראַקטישער אַרבעט אין די אַנטוויקלטע לענדער“ (גענעראַל־סטאַטוטן פונעם אינטערנאַציאָנאַל, באַשטעטיקט דורכן זשענעווער קאָנגרעס אין 1866),

וואָס די „אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע פון די אַרבעטער... אָנערקענט פאַר א גרונד־הנחה [די יסודות] פון אמת, יושר און מאָראַל אין די באַציִונגען מיט אַלע מענטשן, אָן אונטערשייד פון קאָליר (ראַסע), רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט“ (דאָרטן).

און נעמענדיק אין אַכט:

אַז ביז איצט איז די ייִדישע אַרבעטער־באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע געבליבן גאָר מן הצד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג;

אַז בכדי אַריַינצוטראָגן אין די ייִדישע מאַסן די פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, דאַרף מען זיך ווענדן צו זיי אין א פאַר זיי פאַרשטענדלעכער שפּראַך. —

מחמת דעם אַלעמען האָבן מיר באַשלאָסן צו גרינדן אין זשענעווע „די פריַיע ייִדישע דרוקעריַי“[6] מיטן צוועק צו מאַכן מעגלעך די אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, בכדי אַריַינצופירן צווישן ייִדן אין רוסלאַנד און גאַליציע אויף זייערע גערעדטע (זשאַרגאָנישע) שפּראַכן די אידעען פון סאָציאַליזם, ווי זיי זיַינען אַנטוויקלט געוואָרן דורך דער טעאָריע און פּראַקטיק פון מערבֿ־אייראָפּע און אַמעריקע.

די ערשטע ציַיט ווערט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן א ריי בראָשורן און ביכלעך, וואָס זייערע טעמעס דאַרפן זיַין:

1) דער מצבֿ פון די ייִדישע אַרבעטער און די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן;
2) די באַציִונג פון די פּראָלעטאַריער־ייִדן צו די אָרעמע קלאַסן ביַי די קריסטן;
3) דער מהות פון דעם איצטיקן סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד;
4) די אַרבעטער־באַוועגונג אין מערבֿ־אייראָפּע.

פאַר די איניציאַטאָרן פון דעם ענין: ראָדין.

זשענעווע, 25 יוני 1880.

---

אין די געגנטן, וואָס זיַינען באַזעצט פון אוקראַיִנישן פאָלק אין רוסלאַנד און עסטרייַך, לעבן איצט העכער א מיליאָן ייִדן. פון דער צווייטער זיַיט, איז קיום ערגעץ אַנדערש פאָרגעקומען אזא פאַרביסענער קאַמף צווישן דער מאַסע אָרטיקער באַפעלקערונג אין די ייִדן, ווי אין אוקראַיִנע אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט, בעת די ייִדן זיַינען געווען אַן אָרגאַן פון מלוכישער און סאָציאַלער אָרדענונג, וועלכער איז געווען דערווידער דעם פאָלק.

אין דער איצטיקער ציַיט קען נאָר א דריטל ייִדן אינעם אוקראַיִנישן געביט צוגערעכנט ווערן צום אָפן עקספּלואַטאַטאָרישן קלאַס, דאָס צווייטע דריטל דאַרף צוגערעכנט ווערן צום קלאַס אַרבעטנדיקע, און דאָס דאָזיקע דריטל, ווי אויך א באַדיַיטיקער טייל פונעם דריטן דריטל — די

באַהעלפֿער און באַדינער פֿונעם ערשטן, — צײַען ווײַט ניט קיין נוצן פֿון די רווחים און הכנסות, וואָס די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן באַקומען, און טאַקע מיט זייער הילף, און זיי לעבן אין אָרעמקייט, וואָס איז אָפֿט גרעסער אַפֿילו ווי די אָרעמקייט בײַם „קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט“. אין דער זעלביקער צײַט האָט דער אַלטער סאָציאַל-נאַציאָנאַלער קאַמף צווישן די אוקראַינער און ייִדן איבערגעלאָזט נאָך זיך לעבעדיקע שפּורן אין זיכרון בײַ די קינדסקינדער פֿון ביידע צדדים און די דאָזיקע זכרונות דערוווײַטערט איינע פֿון די אַנדערע אַפֿילו אַזעלכע שיכטן פֿון דער באַפֿעל-קערונג, וואָס געהערן בײַ ייִדן גלײַך צו די האָרעפּאַשנע און ליידנדיקע פֿון דער איצטיקער עקאָנאָמישער אָרדענונג. בײַ די איצטיקע באַציִונגען צווישן דעם אוקראַיִנישן פֿאָלק און דעם ייִדישן קען מען זיך ריכטן, אַז יעטווידער באַוועגונג צווישן די ערשטע קענן דער דאָזיקער אָרדע-נונג וועט באַגלייט ווערן מיט בלוטיקע סצענעס פֿון שלאָגן ייִדן, אַ סך מער אומגערעכטע, ווי די סצענעס פֿונעם 17טן און 18טן י״ה. פֿון דער צווייטער זײַט, איז דער אַנטאַגאָניזם צווישן די ייִדן און די ניט-ייִדישע מאַסן אין אוקראַיִנע איינע פֿון די סיבות פֿון דער סאָלידאַריטעט צווישן אַזעלכע באַפֿעלקערונג-שיכטן בײַ ייִדן גופֿא, וואָס זייערע אינטערעסן זײַנען בעצם היפּוכדיקע.

אָט פֿאַר וואָס עס איז פֿאַר די **סאָציאַליסטן אין דער אוקראַיִנישער געגנט** אַן אויפֿגאַבע פֿון גרעסטער וויכטיקייט צו אָרגאַניזירן אַ פּראָפּאַגאַנדע, וואָס זאָל האָבן דעם ציל פֿון איין זײַט, אָפּצוטיילן בײַ דער ייִדישער מאַסע די אַרבעטער פֿון די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן, און פֿון דער צווייטער—פֿאַראייניקן די ייִדישע אַרבעטער מיט די אַרבעטער פֿון אַנדערע פֿעלקער. איינער פֿון די בעסטע מיטלען אָנצוהייבן אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע איז די סאָציאַליסטישע פּרעסע אין די גערעדטע שפּראַכן פֿון ייִדן, און דעריבער זײַנען מיר ניט מסופּק, אַז אַלע אונדזערע חבֿרים אין דער אוקראַיִנישער געגנט וועלן אונטערשטיצן דעם אויבן דערמאָנטן אויפֿטו פֿון אונדזערע חבֿרים-ייִדן.

רעדאַקטאָר פֿון די אוקר׳ זאַמלביכער „הראָמאַדאַ“ אין זשענעווע: מ. **דראַגאָמאַנאָוו**.

זעצער פֿון דער דרוקערײַ „הראָמאַדאַ“: א. **ליאַכאָצקי**.

רעדאַקטאָר פֿון „הראָמאַדסקי דרוג“ * אין לעמבערג: מ. **פּאַווליק**.

---

## פּראָגראַם

### פֿאַר זאַמלען ליטעראַרישן מאַטעריאַל וועגן ייִדן אין רוסלאַנד[7] און גאַליציע.

#### אָפּטייל I

§ 1. אַלגעמיינער באַשטאַנד און צאָל פֿון דער באַפֿעלקערונג אין דער געגעבענער שטאָט, שטעטל, דאָרף; די צאָל פֿון ייִדישן עלעמענט.

§ 2. וואָסערע סיסטעמעס פֿון פּראָדוקציע עקסיסטירן אין געגעבענעם אָרט: די פֿאָרם פֿון מלאָכה, זאַוואָד, פֿאַבריק?

§ 3. די פֿאָרמען פֿון מלאָכה: שוסטערײַ, שנײַדערײַ, קירזשנערײַ, שמידערײַ, סטאָלערײַ אאַז״וו?

§ 4. די צאָל ייִדישע בעלי-מלאָכות (בעלי-בתּים), זאַוואָדן, פֿאַבריקן און די צאָל אַרבעטער, וואָס זײַנען בײַ זיי באַשעפֿטיקט (ייִדן און ניט-ייִדן).

§ 5. די צאָל לערנייִנגלעך.

---

7 אין זײַערע שטענדיקע ווינערטער: אין די 9 **דרומדיקע און דרום-מערבֿדיקע** גובערניעס—טשערניגאָווער, קאַטערינאָסלאַווער, כערסאָנער, פּאָלטאַווער, בעסאַראַבער, טאַורישער און קיִעווער, פּאָדאָליער, וואָלינער; אין **צפֿון-מערבֿדיקן געגנט**—אין די גובערניעס—וויטעבסקער, ווילנער, קאָוונער, מינסקער, מאָהילעווער; אין די 10 גובערניעס פֿון דער געגנט בײַם ווײַסל [פּוילן]—וואַרשעווער, קאַלישער, קיעלצער, לאָמזשער, לובלינער, פּעטריקאָווער, פּלאָצקער, סוואַלקער און שעדלעצער.

* „דרוג“=פֿרײַנד. — Громадского Друга

§ 6. צי האָבן די אַרבעטער פֿאַמיליעס און זייער באַשטאַנד?
§ 7. פֿרויען- און קינדער-אַרבעט אין שטוב און מחוץ פֿון שטוב.
§ 8. אַלגעמיינע צאָל אַרבעטסטעג אין משך פֿון יאָר, גרייס פֿון אַרבעטסטאָג און דער דורכשניטלעכער פֿאַרדינסט פֿון אַן אַרבעטער?
§ 9. די הוצאה (אין אַ וואָך, חודש אָדער יאָר) פֿון אַן אַרבעטער אָן אַ פֿאַמיליע און מיט אַ פֿאַמיליע.
§ 10. דער היגיעניִשער צושטאַנד אין די װאַרשטאַטן און אין די הײַזער און די הויפּטקראַנקייטן.
§ 11. די באַציִונגען און די סיכסוכים צווישן די בעלי-בתים און אַרבעטער.
§ 12. די באַציִונגען צווישן די ייִדישע און ניט-ייִדישע אַרבעטער.
§ 13. וואָסערע ייִדישע שוואַרצע אַרבעטער זײַנען פֿאַראַן אין דעם געגעבענעם אָרט: טרעגערס, וואַסער-פֿירערס און וואַסער-טרעגערס, בעלי-עגלות (וואָגן-טרײַבערס, דראָשקאַרעס, משׂא-פֿירערס) וכדומה; זייער צאָל און זייער דורכשניטלעכער פֿאַרדינסט?
§ 14.* דאָס איינענע וועגן די פֿאַרשיידענע מינים שטוביקע באַדינערס.
§ 15. צי עקסיסטירן וואָסערע ניט איז אַרבעטער-חבֿרות, הילפֿקאַסעס וכדומה; דער כאַראַקטער פֿון די חבֿרות.
§ 16. די שריפֿטיקייט (לייענען און שרײַבן) אין ייִדיש און אין אַנדערע שפּראַכן און דער גראַד אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פֿון די אַרבעטער אין די װאַרשטאַטן, זאַוואָדן און פֿאַבריקן.
§ 17. די צאָל תּלמידים אין די תּלמוד-תּורות און ישיבֿות און די דורכשניטלעכע עלטער פֿון די ערשטע. — זייער מאַטעריעלער מצבֿ און גײַסטיקע אַנטוויקלונג.

## אָפּטייל II

§ 1. וואָסערע אַנדערע פּרנסות (חוץ די דערמאָנטע אין אָפּטייל I) זײַנען פֿאַראַן אינעם געגעבענעם אָרט?
§ 2. וואָסערע מינים האַנדל עקסיסטירן אָדער זײַנען די עיקרדיקע: קליינהאַנדל, קראָמען, הורטהאַנדל?
§ 3. די צאָל וואָכערניקעס, פֿאַקטאָרס, קליינע קרעמערס און מער-ווינציקער גרויסע אונטערנעמערס.
§ 4. די פֿאַרדינסטן פֿון יעדער קאַטעגאָריע און דער גראַד עקספּלואַטאַציע פֿון דער אָרעמער באַפֿעלקערונג.
§ 5. ווי גרויס זײַנען די פֿאַרשיידענע שטײַערן, דירעקטע און אומדירעקטע (קאָראָבקע-שטײַער, ליכטשטײַער וכדומה), אַלגעמיינע און ספּעציעל ייִדישע, וואָס די ייִדישע באַפֿעלקערונג צאָלט?
§ 6. ווי ווײַט ווערן באַפֿרידיקט די נויטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין פֿאַרגלײַך מיטן גאַנצן סכום שטײַערן, וואָס ווערן בײַ זיי גענומען?
§ 7. די ניט-מלוכישע שטײַערן און אָפּצאָלונגען, וואָס ווערן ספּעציעל אַרויפֿגעלייגט פֿונעם ייִדישן קהל (אויף אויסצוהאַלטן די רבנים, שוחטים וכדומה).

## אָפּטייל III

§ 1. די צאָל ייִדישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניעס אין דעם געגעבענעם אָרט.
§ 2. די פֿאָרם פֿונעם ערדבאַנוץ: אייגנטום-רעכט אָדער אויף צינז?
§ 3. ווי אַזוי פּראָצענט קליינע ערד-אַרבעטער פֿירן אויס די אַרבעט אַליין און מיט דער הילף פֿון געדונגענע הענט?
§ 4. די צאָל נפֿשות אין אַ משפּחה.
§ 5. די גרייס פֿון די ערד-חלקים, די קוואַליטעט פֿון באָדן וכדומה.
§ 6. די גרויס פֿון די שטײַערן און אָפּצאָלונגען פֿאַר דער ערד.
§ 7. די פּראָפּאָרץ פֿון די אָפּצאָלונגען צו דער גרייס פֿון דער ערד-הכנסה.
§ 8. די באַציִונג פֿון דער רעגירונג צו די ייִדישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניעס.

* אין רוסישן אָריגינאַל זײַנען די ווײַטערדיקע פֿיר פּאַראַגראַפֿן פֿאַלש נומערירט 13—16.

ע״ש. מיר בעטן מיטצוטיילן אויך אַזעלכע ידיעות, וואָס זײַנען ניט דערמאָנט אינעם דאָזיקן פּרוּוו פֿון אַ פּראָגראַם, ווי אויך צושטעלן די גובערניאַלע געדענקביכער* פֿאַר דער לעצטער צײַט און בכלל ביכער, קאַלענדאַרן — אין ייִדיש און אַנדערע שפּראַכן, — וואָס האָבן אַ שײַכות צו דעם אָדער אַנדערן געביט פֿון ייִדישן שטייגער לעבן און ייִדישן עקאָנאָמישן מצב.

---

די בריוו און קאָרעספּאָנדענץ פֿון אויסלאַנד בעטן מיר אַדרעסירן:

Redaktion der „Hromada“ :

Genf (Schweiz). — Rue do Lausanne, 19

Für die „Freie Jüdische Buchdruckerei“

---

* די אַ״ג Памятные книжки וואָס יעדע גובערניע פֿלעגט פֿעריאָדיש אַרויסגעבן מיט אַ סאָציאַל-עקאָנאָמישן מאַטעריאַל און אָפֿט אויך מיט היסטאָרישן.

# די אָנהייבן פֿון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין ייִדיש

### פֿון א. טשעריקאָווער (פּאַריז)

## I

די געשיכטע פֿון דער אומלעגאַלער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אין ייִדיש — הן פֿון די אויסגאַבעס, וואָס פֿלעגן געהיים געדרוקט ווערן אין רוסלאַנד גופֿא, און הן פֿון די געדרוקטע אין אויסלאַנד פֿאַרן אומלעגאַלן טראַנספּאָרט — איז אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור-פֿאָרשונג, מ׳קען זאָגן, באַצוועלט געוואָרן. עס זײַנען ניט גענוג אויסגעפֿאָרשט געוואָרן די שווערע געבורט און די אַנטוויקלונג פֿון דער אונטערערדישער ליטעראַטור, איר כאַראַקטער, איר שפּראַכלעכער און ליטעראַרישער ווערט און איר ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער קולטור, שוין אָפּגערעדט פֿון איר ראָלע ווי אַ מעכטיקער סאָציאַל-פּאָליטישער פֿאַקטאָר. אמת, ביז איצט איז ניט לײַכט געווען צו געבן אַ פֿולדיק בילד, מחמת עס האָט געפֿעלט דערצו דער נייטיקער מאַטעריאַל, און אויך הײַנט זײַנען נאָך זיכער פֿאַראַן אַ היפּש ביסל בלייזן פֿאַר קאָנסטרויִרן אַזאַ געשיכטע. פֿון דעסט וועגן לאָזט זיך איצט אַ סך לײַכטער אויפֿשטעלן אַ כראָנאָלאָגיש בילד פֿון דער אומלעגאַלער ייִדישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, ווי דאָס איז מעגלעך געווען פֿריִער.

קאָנקרעט איז אין דעם אַרטיקל די רייד נאָר וועגן די פּרוּוון אויף דעם געביט אין די 80ער יאָרן און וועגן דעם וווּקס פֿון דעם מין ליטעראַטור אין די 90ער--ביז דער גרינדונג פֿון „בונד“, וואָס איז בכלל די גרענעץ-דאַטע פֿון דעם באַנד. דער אויפֿקום פֿון עצם געדאַנק וועגן באַנוצן ייִדיש פֿאַר סאָציאַליסטישער אויפֿקלערונג און די פּלענער, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אין די 70ער יאָרן ניט פֿאַרווירקלעכט — די פֿאַראייניצלטע פּראָיעקטן אין די ווילנער קרײַזלעך פֿון 1875 — 1876, דער רוף צו ייִדיש אינעם בריוו פֿון י. מ. ליפּשיץ צו אַהרן ליבערמאַן פֿון 1877 און טיילווײַז אויך די פּלענער פֿון מענדעלע מוכר-ספֿרים וועגן אַ ראַדיקאַלער רעפֿאָרמע פֿון קיניגסבערגער „קול לעם“ — גייען אין אונדזער טעמע ניט אַרײַן און דאַרפֿן באַזונדער באַהאַנדלט ווערן. דאָ רעדן מיר נאָר וועגן אַזעלכע פּרוּוון, וואָס זײַנען פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן, ווען אַפֿילו ניט אין אַ געדרוקטער פֿאָרם, נאָר בלויז אין אַ האַנטשריפֿטלעכער און העקטאָגראַפֿירטער.

*   *<br>*

כראָנאָלאָגיש איז דער ערשטער אונדז באַקאַנטער פּרוּוו אויף דעם געביט געמאַכט געוואָרן שוין אין 1880, אין קיִעוו. אָבער וועגן דעם ווייסן מיר נאָר פֿון אַ פּאָליצײַישער כראָניק פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און אויך זייער קורץ. „דעם 3טן מאַי 1880 — ווערט אין דער דאָזיקער כראָניק דערציילט — איז אין קיִעוו געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו פֿון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג; ווי אַ מיטל דערצו האָט געדינט אַ פּראָקלאַמאַציע אין דער ייִדישער שפּראַך“. אַ ייִנגל האָט אויף דער גאַס אָפּגעשטעלט דעם אַרבעטער-סטאָליער האָלאָסטופּין און האָט אים געפֿרעגט, צי איז ער אַ ייִד; יענער האָט געענטפֿערט, אַז יאָ, און דאָס ייִנגל האָט אים אַרײַנגערוקט אַ פֿאַרחתמעטן קאָנווערט און געזאָגט, ער זאָל

עס איבערגעבן אין דער היים עמעצן פֿון די עלטערע. דער אַרבעטער האָט זיך אָפּגעזאָגט דעם קאָנוועהט אָנצונעמען, און אַז דאָס אומבאַקאַנטע יִנגל האָט זיך געלאָזט לויפֿן, האָט ער וועגן דעם דערציילט דעם הויז-אייגנטימער קאַלינאָוויטש, יענער-דעם „גאַראָדאָוואָי", מ׳האָט זיך געלאָזט לויפֿן נאָכן יִנגל, אים געכאַפּט און געפֿונען ביַי אים 23 בויגנס זייער צעפּליקטע, מיט יִדישן טעקסט, אָפּגעדרוקט אויף אַ העקטאָגראַף. „לויטן אינהאַלט — שרייַבט די כראָניק — איז דאָס געווען אַ פּראָקלאַמאַציע, געווענדט „צו אַלע יִדן", וואָס מען האָט זיי גערופֿן אַקטיוו צו באַטייליקן זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער און אַנאַרכיסטישער אַרבעט. די אונטערשריפֿט איז געווען: „יִדישע און קריסטלעכע סאָציאַליסטן". דאָס אַרעסטירטע יִנגל איז געווען איינער אַבראַם פּריצקער, אַ תּלמיד פֿון דריטן קלאַס גימנאַזיע, וועלכער האָט דערקלערט, אַז ער האָט די פּראָקלאַמאַציעס באַקומען פֿון איינעם סערפּינסקי — אַ רעוואָלוציאָנערן טוער; מער האָט ער גאָרנישט געוואָלט דערציילן – ניט וועגן דעם, פֿון וועמען די פּראָקלאַמאַציעס שטאַמען, און ניט וועגן זייער מחבר אָדער איבערזעצער. „פּריצקער איז דערפֿאַר פֿאַרמשפּט געוואָרן צו אָנדערטהאַלבן יאָר טורמע, אָבער איז פֿאַקטיש אָפּגעזעסן נאָר איין חודש".[1]

מיר האָבן אַזוי גענוי איבערגעגעבן דעם סיפּור-המעשׂה פֿון דער פּאָליציַייִשער כראָניק, מחמת אין קיין שום אַנדער אָרט ווערט דער דאָזיקער עפּיזאָד ניט דערמאָנט. וואָס איז געווען דער אינהאַלט פֿון אָט דער ערשטער פּראָקלאַמאַציע אין יִדיש, איז אונדז פֿאַרבליבן אומבאַקאַנט, און ביז איצט איז נאָך אין די רוסישע פּאָליציַי-אַרכיוון קיין שפּור פֿון איר ניט געפֿונען געוואָרן. דער נאָמען סערפּינסקי, פֿון וועמען דער יונגער פֿאַרשפּרייטער (פּריצקער) זאָל האָבן די פּראָקלאַמאַציעס באַקומען, איז יאָ באַקאַנט. אין דער ציטירטער כראָניק איז אָנגעוויזן, אַז עס ווערט געמיינט וולאַדימיר (וואָלף) סערפּינסקי, וועלכער איז געווען פֿאַרמישט אין דעם מאָרד פֿון שפּיאָן ריינשטיין, איז פֿאַרשיקט געוואָרן אין וואָלאָגדער גוב׳ און איז אין מערץ 1880 פֿון דאָרטן אַנטלאָפֿן. אָבער פֿאַרמישט אין דעם אַטענטאַט איז גאָר געווען אַן אַנדער סערפּינסקי, יאַקאָוו, וועלכער איז נאָך פֿריִער פֿאַרשוווּנדן און אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד.[2]

קאָנקרעט איז די פֿראַגע וועגן גרינדן אַ פֿאַרלאַג כּדי אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יִדיש געשטעלט געווען פֿון דער „גרופּע סאָציאַליסטן-יִדן" אין אויסלאַנד, אין זשענעווע, יוני 1880, און די איניציאַטיווע שטאַמט, ווי באַקאַנט, פֿונעם באַוווּסטן אוקראַיִניש-רוסישן שרייַבער און פּאָליטישן טוער פּראָפֿ׳ מ. דראַגאָמאַנאָוו.[3] אָבער פֿון דער „גרופּע" איז גאָרנישט געוואָרן. עס איז שווער צו זאָגן, צי האָט איר פּרוּוו געהאַט אַ ווירקונג אויפֿן אַרויסלאָז פֿון דעם ערשטן סאָציאַליסטישן אָרגאַן אין יִדיש „אַרבייטער-צייטונג", וואָס האָט אומלעגאַל דערשיינט אין רוסלאַנד, אין יאַנואַר 1881, און האָט געטראָגן אַ נאַראָדאָוואָלישן כאַראַקטער; עס זיַינען לחלוטין אומבאַקאַנט די איניציאַטאָרן פֿון דער אויסגאַבע, און דער גאַנצער עפּיזאָד איז ערשט לפֿי ערך ניט לאַנג באַשריבן געוואָרן און נאָך ווייַט ניט גענוג אויפֿגעקלערט. הגם פֿאָרמאַל איז דאָס געווען אַ צייַטונג, אָבער היות ווי קיין צווייטער נומער איז ניט באַקאַנט, און איז משמעות ניט אַרויס, קען מען די אויסגאַבע פֿאַררעכענען פֿאַר אַן איינמאָליקער און דערצו אויך ניט קיין אָריגינעלער, ווייַל דאָס איז כּמעט אַ וואָרטלעכע איבערזעצונג פֿון דער רוסישער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ".[4]

---

1 Хроника социалистического движения в России 1878 — 1887 איבערגעזעצט פֿון פֿראַנצ׳ אין רוסיש, אַרויס אין פּעטערבורג 1906, ז׳ 132 (א״ג „שעבעקאָס כראָניק").

2 וועגן יאַקאָוו סערפּינסקי זע „ביאָ-ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן פֿון די רעוואָ׳ טוער" (רוס׳), ב׳ 2 (70ער יאָרן), העפֿט 4, ז׳ 1477; וולאַדימיר סערפּינסקי געהער שוין צו די 80ער יאָרן.

3 דעם אויפֿרוף פֿון דער זשענעווער „גרופּע" 1880 זע איבערגעדרוקט אויבן אין אונדזער באַנד.

4 די „אַרבייטער צייטונג" ווערט איבערגעדרוקט אין אונדזער באַנד; זע דעם אַרייַנפֿיר צו איר.

אין דער צווייטער העלפֿט 80ער יאָרן, ווען אין לאָנדאָן און ניו-יאָרק האָט מען זיך גענומען שאַפֿן די ערשטע יִדישע סאָציאַליסטישע בראָשורן און צײַטונגען, וואָס זײַנען געווען באַשטימט פֿאַר די דאָרטיקע יִדישע אַרבעטער-אימיגראַנטן, האָט מען לחלוטין ניט געהאַט אין זינען די יִדישע אַרבעטער-מאַסע אין דער אַלטער היים. פֿון דעסט וועגן האָבן איינצלנע עקזעמפּלאַרן פֿון די אויסגאַבעס אַרײַנגעדרונגען קיין רוסלאַנד. די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין יִדיש — ווינטשעווסקיס „יהי אור" (לאָנדאָן, סוף 1884) — איז געשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד נאָר אין געציילטע עקזעמפּלאַרן.[5] פֿון שמואל ראַבינאָוויטשעס זכרונות ווייסן מיר איצט,[6] אַז זומער 1886 געקומען קיין פּאַריז, האָט ער פֿון דאָרטן אָנגעהויבן אַריבערשיקן צו זײַנע חבֿרים אין רוסלאַנד די „ניו-יאָרקער יִדישע פֿאָלקסצײַטונג" און דעם לאָנדאָנער „אַרבייטער-פֿרײַנד" (זע אויבן זײַנע זכרונות), אָבער די קאָסמאָפּאָליטיש געשטימטע יִדן-רעוואָלוציאָנערן אין פּוילן און ליטע האָבן עס זייער קאַלט אויפֿגענומען, און מכּתּמא זײַנען די דאָזיקע אויסגאַבעס ווײַטער פֿון זיי ניט אַוועק. ניט דער ערך אַנדערש איז אויפֿגענומען געוואָרן דיקשטיינס בראָשור „פֿון וואָס איינער לעבט", וועלכע ש. ראַבינאָוויטש האָט איבערגעזעצט און אָנהייב 1888 אַליין פֿונאַנדערגעפֿירט איבערן תּחום אין איינעם מיט אַ גרויסן טראַנספּאָרט פֿון אומלעגאַלער ליטעראַטור אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן. די דאָזיקע בראָשור האָט געבראַכט גרויס נוצן די ערשטע יִדישע אַרבעטער-טוער, באַזונדערס אין ווילנע, ווו מ'האָט צוגעטראַכט דעם מיטל צו לאָזן זי צירקולירן אין אַ שער-בלאַט פֿון אַ סידורל און אַזוי אַרום צו ראַטעווען זי פֿון די פּאָליצײַיִשע אויגן. דער דאָזיקער מיטל איז פֿון לאַנג געווען אָנגענומען פֿאַר די רוסישע און פּוילישע רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבעס, וואָס פֿלעגן קומען פֿון אויסלאַנד;[7] פֿאַר יִדישע שריפֿטן, וועלכע די פּאָליצײַ האָט ניט געקענט לייענען, איז אַזאַ מיטל געווען נאָך אַ בעסערע באַוואָרעניש און ער איז שפּעטער, אין משך פֿון יאָרן, ברייט פּראַקטיקירט געוואָרן, הגם די רוסישע פּאָליצײַ האָט זיך באַלד געכאַפּט. ווי מיר ווייסן דאָס איצט, האָט דער שעף פֿון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע נאָך אין אויגוסט 1889 אויפֿמערקזאַם געמאַכט די „דריטע אָפּטיילונג" אין פּעטערבורג, אַז די לאָנדאָנער יִדישע בראָשור „געזעץ און אויטאָריטעט" (איבער-זעצונג פֿון קראָפּאָטקינען) טראָגט דעם פֿאַלשן שער פֿון ראָמס דרוקערײַ אין ווילנע. לערך אין דער זעלביקער צײַט האָט די פּעטערבורגער צענזור-פֿאַרוואַלטונג זיך אָרומ-געזען, אַז פֿון אויסלאַנד ווערט אַרײַנגעשמוגלט די „ניו-יאָרקער יִדישע פֿאָלקסצײַטונג", און האָט זי פֿאַרווערט.[8]

מיט דעם שעפֿן זיך אויס אַלע פּרוּוון פֿון יענער פּריצײַט, ביז עס איז געלייגט געוואָרן אין ווילנע דער גרונדשטיין פֿאַר דער יִדישער אַרבעטער-באַוועגונג. אויפֿן גרענעץ פֿון די צוויי יאָרצענדלינגער האָט עפּעס אַ גרופּע יִדישע סאָציאַליסטן אין וואַרשע ווידער אַרויסגעגעבן אין יִדיש, אָבער אין אַ העקטאָגראַפֿירטער פֿאָרם, דיקשטיינס בראָשור „פֿון וואָס איינער לעבט".

## II

פֿון אָנהייב די 90ער יאָרן, בעת די ווילנער גרופּע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ איז אַריבער צום מאַרקסיזם און אָנגעהויבן די פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יִדישע אַרבעטער,

---

5 לויט ווי ב. פּײגנבוים האָט אַמאָל איבערגעגעבן פּ. קורסקין; זע פּ. קורסקיס נאָטיצן אין „וואָכנשריפֿט" (וואַרשע), 1934, נר' 17, פֿון 18טן אַפּריל.

6 זע ש. ראַבינאָוויטשעס זכרונות אין אונדזער באַנד.

7 אַזוי למשל האָבן גערצענס לאָנדאָנער אויסגאַבעס פֿון זײַן „פֿרײַער רוסישער דרוקערײַ" אין די 60ער יאָרן געהאַט אַ פֿאַלשן שער-בלאַט פֿון מאָסקווע, כּלומרשט מיט דער צענזור-דערלויבעניש; דאָס אייגענע קראַווטשינסקיס (סטעפּניאַק) רעוו' פֿאָלקסבראָשורן פֿון לאָנדאָן אין די 70ער יאָרן; פּ״גל דאָס ביבליאָגר' בוך Русская подпольная и зарубежная печать (מאָסקווע 1935, פֿאַרל' „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס").

8 זע ווײַטער אין דעם באַנד „פֿון די צאַרישע אַרכיוון" (דאָקומענטן).

איז דער צוועק פֿון איר פּראָפּאַגאַנדע תּחילת געווען אויסצובילדן אַ קאַדער אַרבעטער-אינטעליגענטן לויט איר אייגענער געשטאַלט: זיי זאָלן זײַן „אַנטוויקלט", און דאָס האָט דעמאָלט געמיינט—קענען די רוסישע „גראַמאָטע", זײַן אָריענטירט סאָציאַל-דעמאָקראַטיש און געשטימט אינטערנאַציאָנאַל. בויען אַ ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג האָט קיינער אַפֿילו אין מחשבֿה ניט געהאַט. „אין ווילנע האָבן מיר געגרייט פּראָפּאַגאַנדיסטן פֿאַר טולע" — האָט שפּעטער געשריבן וועגן יענער תּקופֿה איינער פֿון די פּיאָניערן, לנו (גאָזשאַנסקי). און דעריבער איז די שפּראַך און די ליטעראַטור, מיט וועלכע מ'האָט זיך באַנוצט, געווען רוסיש; ייִדיש שרײַבן האָט קיינער פֿון די אָנפֿירער (חוץ גאָזשאַנסקין) כּמעט ווי ניט געקענט, פֿון דער פּשוטער ייִדישער מאַסע איז מען נאָך געשטאַנען ווײַט, און אַפֿילו די אויסדערוויילטע אַרבעטער, ווען זיי האָבן געהאַט דורכגעמאַכט די קרײַזלעך פֿון „ראַזוויטיע", פֿלעגן מיט שטאָלץ זאָגן: „איך קען שוין, ברוך השם, רוסיש".[9]

אָבער פֿון דעם מאָמענט אָן, ווען די שטרײַק-באַוועגונג פֿון 1893 און שפּעטער, וואָס האָט געטראָגן אין תּוך אַ ריין עקאָנאָמישן כאַראַקטער, האָט אויפֿגעטרייסלט ברייטע קרײַזן ייִדישע אַרבעטער (וואָס האָבן געאַרבעט דאָס רובֿ אין קליינע בעל-מלאָכהשע וואַרשטאַטן) און דורך דעם דיקטירט דער ווילנער אָנפֿיר-גרופּע דעם וועג פֿון אַ ברייטער מאַסן-אַגיטאַציע, האָט זיך קאָנקרעט געשטעלט די פֿראַגע פֿון ייִדיש און ייִדישער פּראָפּאַגאַנדע-ליטעראַטור. דער פֿאַרדינסט פֿון אָט די אָנפֿירער איז געווען, וואָס זיי האָבן תּיכּף דערשפּירט אָט די נײַע ווענדונג. מיט רוסיש אַליין וואָלט מען ווײַט ניט געווען אַוועק בײַ אַזאַ מאַסאָווער אוידיטאָריע. דאָס איז מודה דער באַריכט פֿון דער ווילנער „גרופּע ייִדישע סאָצ'-דעמאָקראַטן" צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין לאָנדאָן 1896:[10] „די ייִדישע אַרבעטער-מאַסע אין איר גרעסטער מערהייט איז לא די וואָס זי קען ניט לייענען קיין רוסיש, נאָר קוים וואָס זי קען זיך אַפֿילו אויס-דריקן אין דער שפּראַך, און אונדזער אַרבעטער-מאַסע קומט אויס צו באַפֿרידיקן זיך מיט דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור", און דעריבער האָט מען געמוזט די אַגיטאַציע אויך אַריבערפֿירן אין דער שפּראַך. דאָס קלינגט ווי אַ מין התנצלות פֿון די אינטעליגענטן פֿאַר דער וועלט, בײַ זיך אָבער האָט מען שוין לאַנג פֿעסט אַרײַנגע-נומען ייִדיש ווי אַ מעכטיק געצײַג פֿון אַגיטאַציע. געקומען איז מען דערצו, ווי בכלל אין דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, ניט פֿון טעאָריע אויס, נאָר עמפּיריש. ניט די ייִדישע ליטעראַטור אַליין פֿאַר זיך האָט אינטערעסירט די פּיאָניערן, נאָר די ליטעראַטור ווי אַ פּראַקטישער מיטל, פֿאַרבונדן מיט די קאָנקרעטע נויטן פֿון קאַמף. דער סאָציאַליזם „איז אַרײַן אין שוסטערגאַס", האָט מען דעמאָלט געטענעט אין די בעלי-בתּישע קרײַזן, און מיט דער גאַס האָט מען שוין געמוזט גאָר אַנדערש ריידן און פֿריִער פֿאַר אַלץ—אין איר שפּראַך.

צוגעהאָלפֿן האָט דאָס, וואָס גראָד פֿון אָנהייב די 90ער יאָרן מערקט זיך אַן אויפֿלעבונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור און אַן אָריענטאַציע אויף לינקס. עס לאָזן זיך אַלץ מער הערן סאָציאַלע און אַפֿילו סאָציאַליסטישע טענער אין אַ ייִדיש-„נאַראָדנישן" גײַסט, אַ רוף צו בילדונג פֿאַר די מאַסן אין ייִדיש. די ליטעראַטור באַקומט אַ

---

9 זע אַרט' פֿון א. ליטוואַק וועגן די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן" אין „רויטן פּנקס", באַנד 1 (וואַרשע 1921), ז' 7, איבערגעדרוקט אין זײַן בוך „וואָס געווען" (1926).

10 דאָס איז אַן אָפֿיציעלער באַריכט וועגן דער אַרבעט פֿון דער „ס"ד-גרופּע" פֿאַר די לעצטע 4—5 יאָר, דער עיקר אין ווילנע, צונויפֿגעשטעלט אין אַפּריל 1896 פֿון אַ. מוטניקן („גליעב"). מיר האָבן אים אין צוויי האַנטשריפֿטלעכע קאָפּיעס: פֿון בונדישן אַרכיוו און פֿון אַרכיוו פֿון „סאָיוז רוסקיך ס"ד"; אין אַ פֿאַרגרעסערטער פֿאָרם און אונטער אַ ניט-פּינקטלעכן טיטל איז ער אָפּגעדרוקט (אין רוסיש און ייִדיש) אינעם מינסקער ז"ב „די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אַפֿ ייִדיש", ב' 2, 1935, ז' 37 און 429. דער דאָזיקער באַריכט איז איינער פֿון די וויכטיקסטע דאָקומענטן פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין יענער תּקופֿה.

ראַדיקאַלע פֿאַרב און דערפֿילט דעם הייסן אָטעם פֿון אַ מאַסן-באַוועגונג צווישן דער אַרבעטער-שאַפֿט, וואָס פֿורעמט זיך אויס ווי אַ נײַער סאָציאַלער כּוח אין גאַנץ רוסלאַנד און אויך אין ייִדישן „תּחום". די עקספּלואַטאַציע פֿונעם אַרבעטער, דעם אָרעמען בעל-מלאָכה, דעם ייִדישן האָרעפּאַשניק ווערט אַלץ אָן אָפֿטערע טעמע אין דער ייִדישער ליטעראַטור. מיט רמזים רופֿט מען צו אַ נײַער גערעכטער וועלט. עס באַווײַזן זיך פּרצעס „באָנציע שווײַג", „דאָס שטרײַמל", די „נײַטאָרינס", זײַן ליד „דער נאַכט-וועכטער", „די עשׂרת הדברות" און אַנדערע ענלעכע, דוד פּינסקיס „חיים משרת", „ר' שלמה", „הײַנטיקע יונגעלײַט". די פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר אַ ראַדיקאַלער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס עס פֿירט דוד פּינסקי, פּרצעס ליטעראַרישע אונטערנעמונגען („י. ל. פּרצעס אויסגאַבען", „די יודישע ביבליאָטעק", דער ז"ב „ליטעראַטור און לעבען") און באַזונדערס זײַנע וואָלוועלע „יום-טובֿ בלעטלעך" אין 1894—1895, מיט זייער ראַדיקאַלן טאָן און נײַע סאָציאַלע טעמעס, וואָס ווערן ברייט פֿאַרשפּרייט און באַגײַסטערט אויפֿגענומען פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין וואַרשע, ווילנע און אַנדערע שטעט, וועקן גוואַלדיק דעם אינטערעס צו ייִדיש. די דאָזיקע ליטעראַטור ווערט געלייענט „מער צווישן די שורות, ווי אין די שורות", ווי עס שרײַבט אַ. ליטוואַק, און ציט אָפּ דעם בעסערן לייענער פֿון שמ"רן, בלאָשטיינען און פֿון טענענבוימס אַמעריקאַנער ראָמאַנען.[11]

אין ווילנע גופֿא גרינדעט יצחק גוידאָ[12] צו יענער צײַט זײַן פֿאַרלאַג פֿון „קליינע ערציילונגען" מיט די פּאָפּולערע בראָשורן „פֿון זאַוואָד אין באָד", „דער פֿאַרפֿאַלענער סאָוויעסט", מיט פּינסקיס און פּרצעס דערציילונגען. סאָציאַליסטיש געשטימטע יונגע-לײַט, אידעיִשע פּאַקן-טרעגערס, פֿאַרשפּרייטן דאָס צווישן עולם, ווי דער אַלטמאָדישער פּאַקן-טרעגער פֿלעגט פֿאַרשפּרייטן סידורים, מחזורים און די שמ"ר-ראָמאַנען. אין ווילנע דערשײַנט דעמאָלט אויך בן-אַריהס (קרייער) פּאָפּולער ביכל וועגן אַסטראָנאָמיע „אַ וועלט מיט וועלטעלעך" און אויך אַ נײַע אויפֿלאַגע פֿון טויבע סעגאַלס ראָמאַן „גאָלדיצקע די מלווהטע" (פֿון 1883) אונטער אַ נײַעם נאָמען „די שיינע נייטערין" (1894)—מיט אַ סאָציאַלער טענדענץ אין גײַסט פֿון טשערנישעווסקיס „טשטאָ דעלאַט", וואָס ווערט שטאַרק געלייענט אין די אַרבעטער-קרײַזן.[13] דאָס אַלץ גרייט צו דעם באָדן און שאַפֿט נײַעם שטאָף און סטיל פֿאַר דער אויפֿקומענדיקער **אומלעגאַלער** ליטעראַטור אין ייִדיש, וואָס ווערט באַלד אַליין אַ גרויסער קולטור-פֿאַקטאָר.

אַזאַ קולטור-פֿאַקטאָר אין ייִדישן אַרבעטער-לעבן ווערן די ערשטע **אַרבעטער-ביבליאָטעקן**. וועגן איינער אַזאַ, וואָס אַ. ליטוואַק און אַנדערע געוועזענע קלויז-ניקעס און איצט ראַדיקאַל געשטימטע „עקסטערניקעס" האָבן געשאַפֿן אין ווילנע אין 1893, ווערט דערציילט אין אַ. ליטוואַקס זכרונות.[14] דער ציטירטער באַריכט פֿון 1896 צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין לאָנדאָן שרײַבט, אַז אויך די ווילנער גרופּע ייִדישע ס"ד האָט געשאַפֿן פֿאַר די אַרבעטער אַזעלכע לעגאַלע ביבליאָטעקן; חוץ אַ רוסישער, אויך אַ קלענערע, אַ „זשאַרגאָנישע", מיט 250 ביכער, וואָס פֿלעגט אויסגעהאַלטן ווערן פֿון די אַרבעטער גופֿא. עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט, אויף וואָסערע ייִדישע ביכער איז

---

11 די וויכטיקסטע ליטעראַטור וועגן דעם: אַ. ליטוואַקס ציטירטער אַרטיקל וועגן די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן"; אָן אַלטער באַקאַנטער [י. פּסחזאָן], אין וואַרשע ערב „בונד", אין ז"ב „25 יאָר" (וואַרשע 1922), און אויך זײַן אַרט' וועגן פּרצן און דער אַרבעטער-באַוועגונג אין יובל-נומער פֿון „אַרבעטער-שטימע", סעפּטעמבער 1917 (נר' 45, פּעטערבורג), און באַזונדערס אַ. ראָזענצווײַגס מאָנאָגראַפֿיע „דער ראַדיקאַלער פּעריאָד אין פּרצעס שאַפֿן" (כאַרקאָוו 1934) און ד"ר י. שאַצקיס רעצענזיע אויף דעם בוך אין פּרץ-נומער פֿון „ייִוואָ-בלעטער" 1937, נר' 1—3, ז' 350 א"וו.

12 דער שפּעטער באַקאַנטער אַמעריקאַנער ייִדישער טעאַטער-שרײַבער ב. גאָרין.

13 וועגן טויבע סעגאַל און איר ראָמאַן זע ז. רייזען, לעקסיקאָן, ב' 2, ז' 663.

14 אַ. ליטוואַק, דצ"אַ אין „רויטן פּנקס".

דעמאָלט געווען צווישן די אַרבעטער פֿון די „קאַסעס" און קרײַזלעך דער גרעסטער נאָכפֿרעג.[15]

די לעגאַלע ליטעראַטור, אַפֿילו די ראַדיקאַלע באַפֿאַרבטע, הגם זי האָט געוועקט דעם סאָציאַלן פּראָטעסט און קריטישן געדאַנק, איז ניט געווען מסוגל בײַ די צענזור־תּנאים אויסצובילדן אַן אַרבעטער־קעמפֿער. די דאָזיקע פֿונקציע האָט געקענט אויספֿירן נאָר די אומלעגאַלע ליטעראַטור. פֿאַר דער ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע זײַנען אַפֿילו פּרצעס סאָציאַלע מאָטיוון געווען „צו בעלעטריסטיש"...

אויף די „זאַניאַטיעס" אין די „קאַסעס" (קעמערלעך פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען) און אין די העכערע קרײַזלעך פֿון אָפּגעקליבענע אַרבעטער האָבן די אַגיטאַטאָרן געהאַט אײַנצושטודירן מיט די מיטגלידער די האַרבע פֿראַגעס פֿון סאָציאַליסטישער טעאָריע און אַרבעטער־לעבן, צו פֿירן מיט זיי שמועסן, לייענען סיסטעמאַטישע אָדער עפּיזאָדישע לעקציעס וועגן מערווערט, שׂכירות, אַרבעטסטאָג, אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם, אַרבעטער־קאַמפּף אין מערבֿ־אייראָפּע וכדומה. אָבער אַזאַ ליטעראַטור איז דעמאָלט געווען נאָר אין רוסיש און טיילווײַז פּויליש, און רוסיש אָדער פּויליש האָבן די אַרבעטער ניט פֿאַרשטאַנען אָדער שלעכט פֿאַרשטאַנען. רוסישע „גראַמאָטע" אויף אַן אומלעגאַלן וועג האָט מען געקענט אויסלערנען נאָר צענדלינגער און ניט די הונדערטער און אַפֿילו די טויזנטער, וואָס זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג. עס האָבן זיך אויך געשטעלט פֿראַגעס פֿון *טאַקטיק* פֿון דער ייִדישער באַוועגונג גופֿא. און דאָס האָט מען געוויס ניט געקענט געפֿינען אין דער פֿרעמדשפּראַכיקער ליטעראַטור. מען האָט דעריבער געמוזט שאַפֿן אַן *אייגענע* ליטעראַטור. און אין משך פֿון עטלעכע יאָר, אין ברען פֿון דער אונטערערדישער אַרבעט, איז אַזאַ ליטעראַטור באַשאַפֿן געוואָרן: אַ האַנטשריפֿטלעכע, אַ העקטאָגראַפֿירטע און לסוף אַ געדרוקטע — אַן איבערגעזעצטע און קאָמפּילאַטיווע, אָבער אויך אַן *אָריגינעלע*. די דאָזיקע ליטעראַטור איז אַן אַנאָנימע און די שרײַבערס זײַנען די פּראַקטישע טוערס גופֿא, וואָס געהערן דאָס רובֿ צו דער אָנפֿירגרופּע. שוין זומער 1895 ווערט אויף דער מינסקער קאָנפֿערענץ פֿון די ווילנער און מינסקער טוערס באַשלאָסן צו פֿאַראייניקן די אַרבעט פֿון אַרויסגעבן אומלעגאַלע ליטעראַטור (און פֿון אומבײַט), פֿאַקטיש אָבער האָט אין יענע יאָרן די ליטעראַטור באַזאָרגט *ווילנע*; אויף דער קאָנפֿערענץ האָט מען אויך באַהאַנדלט די פֿראַגע וועגן אַרויס־

---

15 אָט איז די רשימה: 1) „מלחמה פֿאַרן לעבן" — אַן איבערזעצונג פֿון אַ דערציילונג אין „וואָסכאָד" (1884, נר׳ 9—12) История одного семейства — די דערציילונג, געחתמעט „פּסעוודאָנים", האָט געהערט ש. אַנ־סקין, איבערגעזעצט אין ייִדיש פֿון א. ליטוואַק און אַרויס אין „פֿאַרלאַג בן־חיים" אין ווילנע 1895 (זע ליטוואַקס זכרונות וועגן די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן"); 2) אבראַמאָוויטש (מענדעלע): „די קליאַטשע", „דאָס קליינע מענטשעלע" און „פֿישקע דער קרומער"; 3) „גאָלדיצקע די מלווהטע" (זע אויבן אין טעקסט); 4) דינעזאָן, „אַ שטיין אין וועג" (אָדער „אבן נגף", ווילנע 1890); 5) „דער ייִדישער ערבֿ פּסח" (אָדער „מנהג ישראל", פֿון מ. שאַצקעס, אַרויס אונטער אַ פֿאַרשטעלטן נאָמען, וואַרשע 1881); 6) פֿלאַמאַריאָן, „דער סוף פֿון דער וועלט" (מסתּמא געמיינט מיכל וועבערס קאָמפּילאַציע וועגן אַסטראָנאָמיע, וואַרשע 1895); 7) דיק, „די שקלאַווערײַ" (אָדער „די לײַבאייגנשאַפֿט", איבערגעמאַכט פֿון ביטשער סטאָוס „אָנקל טאָמס שטיבל", ווילנע 1868); 8) „די אומגליקלעכע מרים", פֿון די צײַטן פֿון דער אינקוויזיציע (געמיינט יונה טרובניקס ראָמאַן, ווילנע 1888); 9) „דער ייִדישער דלות" (פֿון שלום־עליכם, פּט״ב 1888); 10) „ר׳ טרײַטל" (אָדער „דער קליינשטעטלדיקער נגיד" — פֿון א. מ. דיק, 1867); 11) „די זינד פֿון קהל" („חטאת הקהל" פֿון א. י. סאַפּיר, פּסעוודאָנים פֿון קרעמער, ווילנע 1881); 12) „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק" (אָדער „הנאהבים והנעימים" פֿון דינעזאָן, ווילנע 1877); 13) פּרצעס „ליטעראַטור און לעבן"; 14) פּרצעס אויסגאַבעס (זע אויבן אין טעקסט); 15) „ווער קויפֿט זיך אײַן אַן אָרט אין גן־עדן" (?); 16) „דרײַ פֿאַרשוינען" — פֿון דער צײַט פֿון די פּאָגראָמען פֿון מ. ספּעקטאָר; 17) שלום־עליכמס „פֿאָלקס־ביבליאָטעק"; 18) ספּעקטאָרס „הויזפֿרײַנד"; 19) „בעטלער" (?). די דאָזיקע ביכער זײַנען פֿון די אַרבעטער צום מײַנסטן געלייענט געוואָרן.

געבן אַ בשותּפותדיקן אומלעגאַלן אָרגאַן (געמיינט משמעות — העקטאָגראַפירט), אָבער דאָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן ערשט שפּעטער און אויך זעלבשטענדיק פון מינסק און פון ווילנע.[16]

אָנגעהויבן האָט זיך די אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אַ געשריבענער; אַ גאַנצע ריי שריפטן האָבן צירקולירט איבערגעשריבן מיט דער האַנט אין עטלעכע קאָפּיעס. אין אָנהייב האָט מען מיט אַ כּיוון אויסגעמיטן צו באַנוצן זיך מיטן העקטאָגראַף. אַזוי דערציילט מאַרטאָוו אין זײַנע זכרונות, אַז אין ווילנע איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן דער כּלל ניט אָנצוקומען צו אַ העקטאָגראַף, נאָר איבערשרײַבן מיט דער האַנט יעדער קאָפּיע, בכדי אין פאַל אויב איינע אַזאַ וועט אַרײַנפאַלן צו די זשאַנדאַרן, זאָלן זיי ניט האָבן אַפילו אַזאַ אומדירעקטן באַווײַז, אַז עס עקסיסטירט אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע.[16a] שפּעטער אָבער האָט מען געמוזט אַריבערגיין, און גאַנץ ברייט, צום העקטאָגראַפירן און נאָך שפּעטער — לערך פון 1895 — צום דרוקן.

ב. פרומקין, וואָס האָט אַליין געהערט צו די פּיאָנירן פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור (אין מינסק), דערציילט,[17] אַז פון דער געשריבענער ליטעראַטור פון יענער צײַט איז פאַרבליבן נאָר אַ גאַנץ קליינער טייל. „אייניקע זאַכן זײַנען שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן, אייניקע נאָר זײַנען אויפגעהיט געוואָרן אין אויסלענדישן אַרכיוו פון „בונד“, דאָס רובֿ אָבער איז פאַרפאַלן געוואָרן“. די סאַמע פריסטע געשריפטן זײַנען — די סטאַטוטן פון די „קאַסעס“, מיט דערקלערונגען צו זיי, דערנאָך קומען באַשרײַבונגען פון די שטרײַקן, פאָרמולירונגען פון די פאָדערונגען און בכלל שריפטן, פאַרבונדענע מיט די שטרײַקן, ווי אַ שטייגער בײַ די בערשטער, בײַ די ביאַליסטאָקער וועבער און אויף שערעשעווסקיס טאַבאַק-פאַבריק: די בערשטער האָבן געהאַט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע שריפט וועגן פאַרמיטלערײַ; דער ביאַליסטאָקער שטרײַק איז טאַלאַנטפול באַשריבן געוואָרן פון אַן אַגיטאַטאָרין („פון וועבער-לעבן“), פּאָפּולער איז אויך געווען די האַנטשריפטלעכע דערציילונג „ערינערונגען פון אַ פּאַפּיראָסן-מאַכערקע“.[18]

עס זײַנען אויך געווען אַנדערע שריפטן, וואָס וועגן זיי איז די רייד שפּעטער, דערבײַ ווערט בײַ ב. פרומקין דערמאָנט איינע מיטן נאָמען „די עשׂרת הדברות“ — משמעות פּרצעס.[19] לויט אַנדערע ידיעות, איז דאָס ערשטע געשריפטס געווען אַן אַלעגאָרישע מעשׂה מיטן נאָמען „אַן אַסיפה פון פערדלעך“ — אַ געשיכטע וועגן אַ שטרײַק

---

16 זע די זכרונות וועגן דער מינסקער קאָנפערענץ פון מ. דושקאַן (איינעם פון די ערשטע אַרבעטער-פּראָפּאַגאַנדיסטן אין ווילנע) אין ז״ב Рев. движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 238. מיר ווילן אַגבֿ אָנווײַזן אויף זײַן טעות, אַז שוין אין 1895 זאָל אין מינסק האָבן דערשײַנט העקטאָגראַפירט אַן אינפאָרמאַציע-בלעטל „מינסקער פלוגבלאַט“: אַזאַ בלעטל האָט דעמאָלט ניט דערשײַנט; דאָס מינסקער „אַרבעטער בלעטל“ איז אַרויס ערשט אין 1897, און אפשר ווערט געמיינט די געשריבענע „נײַעס אויס רוסלאַנד“, וואָס שווען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין 1895 אין מינסק (שפּעטער אין ווילנע; זע ווײַטער)?

16a מאַרטאָוו, Записки социалдемократа (בערלין 1922), ז׳ 176, הערה (אין דער ייִדישער אויסגאַבע פעלט).

17 ב. פרומקינס אַרט׳ וועגן דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין „Еврейская Старина“, 1913, העפט 2, ז׳ 256.

18 זע ווײַטער וועגן איר. — די אַלע דערמאָנטע שריפטן געפינען זיך אין מאַנוסקריפטן-אָפּטײל פון בונדישן אַרכיוו אין פּאַריז.

19 אין איינעם פון פּרצעס „יום-טובֿ-בלעטלעך“ איז אָפּגעדרוקט זײַן סאַטירע „די עשׂרת הדברות, מיט אַ פירוש פון אַ קליין בעל-הביתל“; ב. פרומקין האָט דאָ אַ פּנים אַ טעות געהאַט און אַרײַנגערעכנט זי צווישן די האַנטשריפטן, וואָס האָבן צירקולירט אין די קרײַזלעך, און אפשר איז טאַקע געווען אַזאַ שריפט, נאָכגעמאַכט נאָך פּרצן, וועגן דעם ווי די קאַפּיטאַליסטן פירן אויס די צען געבאָט?

פון פּערד, וואָס איר מחבר איז געווען אַ ווילנער בחור באַבראָוו (הורוויטש?),[20] אַ יונגער מיטגליד פון די ערשטע ווילנער קרײַזלעך; ציז איז זי פאַרבליבן נאָר אין אַ געשריבענער פאָרם, אָדער זי איז אויך העקטאָגראַפירט געוואָרן, איז ניט באַקאַנט, בכל אופן האָבן די מחברים פון דערמאָנטן באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין 1896 געפונען פאַר נייטיק זי צו דערמאָנען. די דאָזיקע שריפט און אויך אַ סך אַנדערע זײַנען צו אונדז ניט דערגאַנגען. אַזוי ווערט דערציילט אינעם דערמאָנטן באַריכט, אַז אין 1894 זײַנען צום יאָרטאָג פון 1טן מאַרץ 1881 אָנגעשריבן געוואָרן „אַ ריי בראָשורן וועגן דער געשעעניש". אונדז איז אָבער באַקאַנט נאָר איינע אַזאַ, ג.ין ייִדיש, וואָס איז אָפּהעקטאָגראַפירט אין מינסק ערעט שפּעטער (זע ווײַטער); אין באַריכט ווערט אויך דערמאָנט אַ מאַנוסקריפּט (אין רוסיש) מיטן נאָמען „מיט 25 יאָר צוריק" — צום יאָרטאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע,[21] אָבער אויך ער איז צו אונדז ניט דערגאַנגען.

די וויכטיקסטע בראָשורן ביז 1895, דאָס הייסט ביז מען איז אַריבער צום דרוקן, זײַנען געווען פאַרבונדן מיטן איבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדע צו מאַסן-אַגיטאַציע אין ייִדיש און מיטן באַקאַנטן קאַמף פון דער „אָפּאָזיציע". אָבער הן די באַגרינדונג פון דער נײַער טאַקטיק און הן באַזונדערס די דיסקוסיע מצד דער „אָפּאָזיציע" איז געפירט געוואָרן מינדלעך און שריפטלעך ניט אין ייִדיש, נאָר אין רוסיש, און גייט אין אונדזער טעמע ניט אַרײַן.[22] נאָר אויף איין שריפט פון יענער צײַט ווילן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן, אפשר דער וויכטיקסטער; מיר מיינען דאָ די באַקאַנטע בראָשור „אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן". איר מחבר, ש. גאָזשאַנסקי (לנו), באַהויפּט, אַז ער האָט זי תחילת אָנגעשריבן אין ייִדיש. אויב דאָס איז אַזוי, ווערט פאַרשטענדלעך דער אָנווײַז פון אַבֿרהם גאָרדאָן („רעזשטשיק"), אַז די בראָשור איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „אַ בריוו צו די אַגיטאַטאָרן — רוקאָוואָדיטעלעך"; וואָלט זי געווען אַ רוסישע, וואָלט איר נאָמען מסתמא פאַרבליבן קאָרעקט אין רוסיש.[23] אין דער דאָזיקער שריפט ווערט געגעבן אַן אויסשעפּנדיקע פאָרמולירונג, אין זייער אַ פּאָפּולערער פאָרם, פון דער נײַער טאַקטיק (איבערגאַנג צו אַגיטאַציע) און אומדירעקט אַן ענטפער דער „אָפּאָזיציע". זי איז קיין מאָל ניט געווען געדרוקט, אַפילו ניט אין רוסיש, און ווײַטער אין אונדזער באַנד דרוקן מיר זי צום ערשטן מאָל, איבערגעזעצט פונעם רוסישן טעקסט, וואָס האָט זיך

---

20 אויף באָבראָוון ווי דעם מחבר ווײַזט אָן אַבֿרהם רעזשטשיק (גאָרדאָן) אין דער נאָטיץ וועגן דער „אַרבעטער-אָפּאָזיציע" אין „ידיעות פון ייִוואָ", 1937, נו׳ 4—6; אַ. ליטוואַק אין זײַנע ציט׳ זכרונות דערמאָנט אויך זײַן חבר דעם עקסטערן באָבראָוו. אָבער אין דעם מינסקער זאַמלבוך „די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אַף ייִדיש" (ז׳ 73, הערה 17) ווערט אָנגעוויזן, אַז דער מחבר איז איינער הורוויטש, „וועלכער וווינט איצט אין מאָסקווע". די שריפט איז צו אונדז ניט דערגאַנגען, און אויך אין ראַטן-רוסלאַנד האָט מען זי ניט געפונען.

21 דאָס מיינט, אַז די שריפט איז אָנגעשריבן צו מערץ 1896.

22 די רשימה פון דער ליטעראַטור זע אין דער ציט׳ נאָטיץ אין „ידיעות פון ייִוואָ". פאַר אַ סך פון די דאָרט אויסגערעכנטע שריפטן פּאַסט אייגנטלעך ניט דער נאָמען „ליטעראַטור" — דאָס זײַנען דאָס רובֿ בריוו און נאָטיצן פון רעדעס, מיט וועלכע די „אָפּאָזיציע" איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן.

23 גאָזשאַנסקיס באַהויפּטונג זע אין ציט׳ בוך Рев. движение среди евреев ז׳ 91; אַבֿרהם גאָרדאָנס פעסטשטעלונג זע אין דער ציט׳ נאָטיץ אין די „ידיעות פון ייִוואָ". ריכטיק אויף רוסיש וואָלט זי באַדאַרפט הייסן К агитаторам-руководителям — דער „עך" אינעם וואָרט „רוקאָוואָ-דיטעלעך" איז ניט רוסיש, נײַערט די ייִדישע ענדונג פון רבים פאַר די פאַרקלענער-ווערטער אויף ל, לויטן מוסטער פון קעפּל — קעפּלעך, ווערטל — ווערטלעך: רוקאָוואָדיטל — רוקאָוואָדיטעלעך. פון דעסט וועגן איז מעגלעך, אַז גאָזשאַנסקי האָט דאָ אַ טעות: די שריפט איז אפשר טאַקע אָנגעשריבן אין רוסיש, און נאָר אין אומגאַנג האָט מען זי אַזוי גערופן אין ייִדיש.

אויפגעהיט. קרעמערס רוסישע בראָשור „וועגן אַגיטאַציע“, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין איין צײַט מיט איר און האָט געטראָגן אַ מער אַלגעמייגעם און אויך אַ מער טעאָרעטישן כאַראַקטער, איז באַזונדערס געווען פאַרשפּרייט אין די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע קרײַזן און איז שפּעטער, אין 1896, אָפּגעדרוקט געוואָרן. די ביידע שריפטן זײַנען פאַרפאַסט געוואָרן סוף 1893 (אפשר סאַמע אָנהייב 1894), ווי געזאָגט — אין איין צײַט. אין „בריוו צו די אַגיטאַטאָרן“ ווערט דערמאָנט, אַז די „אָפּאָזיציע“ איז אַרויסגעטראָטן מיט „איבער אַ האַלב יאָר צוריק“ — און באַקאַנט איז, אַז געווען איז דאָס אין מאַי 1893. דער האָמלער סאָצ׳-דעמאָקראַטישער טוער (שפּעטער „איסקראָוועץ“) א. פּאָלאַק שרײַבט, אַז בעת ער איז אויף ניטל 1893 געקומען קיין מינסק, האָט קרעמערס „וועגן אַגיטאַציע“ שוין געהאַט צירקולירט און איז באַהאַנדלט געוואָרן אין די מינסקער קרײַזן.[24]

צווישן די אַנדערע האַנטשריפטן, וואָס זײַנען דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט אין די קרײַזלעך, דאַרף מען אָנווײַזן אויף „ווי פירט זיך די מלוכה אין דײַטשלאַנד?“, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ לעקציע, וואָס מ׳האָט געלייענט פאַר די אַרבעטער. זי איז אָנגעשריבן בכל אופן ניט פריער פון 1893, מחמת אין טעקסט פאַררופט מען זיך אויף די רײַכסטאַגוואַלן פון דעם יאָר. פאַר איר מחבר ווערט געהאַלטן א. זעלדאָוו-ניעמאַנסקי.[25] פּאָפּולער איז אויך געווען די דערמאָנטע, זייער גוט אָנגעשריבענע האַנט-שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע-דערציילונג „ערינערונגען פון אַ פּאַפּיראָסן-מאַכערקע“, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן פון ש. גאָזשאַנסקי (לנו).[26] פון די באַקאַנטע העקטאָגראַ-פירטע בראָשורן ווילן מיר אָנווײַזן אויף די ווײַטערדיקע: 1) אַ בראָשור וועגן דעם, ווי דער געוועזענער מיניסטער קריוואָשעין האָט געזאָרגט וועגן אַרבעטער-אינטערעסן, וואָס איז געוויס אַן איבערזעצונג פון דער רוסישער בראָשור, וועלכע איז אין 1896 אַרויס אין אויסלאַנד,[27] און האָט אין יידיש געטראָגן דעם נאָמען: „ווי דער מיניסטער באַזאָרגט זיך וועגן די אַרבעטער“; 2) „דער 19טער פעווראַל“ — אַ גרויסע בראָשור וועגן דער פּויערים-רעפאָרמע אין רוסלאַנד, מסתמא אָנהייב 1896, צום 35סטן יאָרטאָג פון דער רעפאָרמע (אינהאַלט: דער אויפקום פון לײַבקנעכטשאַפט אין רוסלאַנד, די אָפּשאַפונג פון לײַבקנעכטשאַפט, אירע סיבות און איר אויסווירקונג אויפן יידישן פּראָלע-טאַריאַט, די אויפגאַבעס פון יידישן פּראָלעטאַריאַט);[28] 3) „וועגן דיא קאָנקורענציע“; 4) „אַן ערקלערונג וועגן שטראָפין“, וואָס איז זיכער אַן איבערזעצונג פון לענינס בראָשור—אַרויס אין אויסלאַנד אונטערן זעלביקן נאָמען אין 1897;[29] 5) „די אַרבייטער רעוואָלוציאָן“, אויך מסתמא אַן איבערזעצונג פון אַ רוסישער בראָשור—אַרויס אין אויס-לאַנד אין 1895;[30] די לעצטע בראָשור, וואָס איז זייער טיפּיש פאַר דעם מין ליטעראַטור,

---

24 זכרונות פון א. פּאָלאַק וועגן דער צײַט פאַרן ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער ס״ד פּאַרטיי, אין „Каторга и Ссылка“ ב׳ 40 (1928), ז׳ 23 א״וו. אין טעקסט פון „בריוו צו די אַגיטאַטאָרן“ ווערט געזאָגט, אַז „מיט 2 יאָר צוריק“ האָט אָנגעמאַכט אַ רושם פּראָפּ׳ קאָכס מיטל קעגן טובערקולאָז; דער טומל אַרום קאָכן געהערט צום יאָר 1890; דעם מחבר פון בריוו ווײַזט זיך אויס, אַז דאָס איז געווען ערשט מיט צוויי יאָר צוריק.

25 מיר דרוקן זי איבער ווײַטער אין אונדזער באַנד, מיט אייניקע קיצורים.

26 אָפּגעדרוקט ערשט אין 1928 אין די ז״ב „אונדזער צײַט“ (וואַרשע), נר׳ 7, 8—9 און 10 (סוף פעלט).

27 „Как министр заботится о рабочих“ אַרויס 1896 אין זשענעווע, די אַרויסגעבער ניט אָנגעוויזן, געדרוקט בײַם „סאָיוז“ פון די רוסישע ס״ד.

28 ווערט דערמאָנט אין באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַל 1896.

29 Объяснение закона о штрафах אַרויסג׳ 1897 אין זשענעווע פונעם „סאָיוז באָרבי״; איר מחבר איז געווען לענין; זע: ל. קאַמענעווע, Перечень печ. работ В. И. Ленина (מאָסקווע 1920), ז׳ 5.

30 „Рабочая революция“ (זשענעווע 1895), אַרויסג׳ פון דער „גרופּע פּאָפּולערע ביבליאָטעק״.

איז צו אונדז דערגאַנגען אין אַ העקטאָגראַפֿירטער קאָפּיע, געמאַכט אין 1897 אין מינסק, און מיר דרוקן זי דאָ ווײַטער איבער. די מחברים פֿון אָט די העקטאָגראַפֿירטע בראָשורן זײַנען געבליבן אומבאַקאַנט. זייער פֿאַרשפּרייט איז געווען אין יענער צײַט וואָלטס (ליעסינס) רעוואָלוציאָנערע ליריק, אָבער וועגן דעם שפּעטער.

אין 1896 — 1897 ווערט מינסק אַ צווייטער צענטער נאָך ווילנע — הגם ווײַט ניט אַזאַ וויכטיקער — פֿון אומלעגאַלער ייִדישער ליטעראַטור. די ייִדישע סאָציאַליסטן אין מינסק האָבן די ערשטע פּרוּוון פֿון אומלעגאַלן דרוק געמאַכט נאָך פֿאַר ווילנע: אין דער צווייטער העלפֿט 80ער יאָרן האָט די אָרטיקע גרופּע רעוואָלוציאָנערן, וואָס איז באַשטאַנען פֿון ייִדן, געהאַט אַפֿילו איר אייגנס אַ געהיימע דרוקערײַ, וואָס האָט פֿונקציאָנירט עטלעכע יאָר (1886 – 1889) און האָט אָפּגעדרוקט אַ ריי בראָשורן אין רוסיש.[31] צו דער גרופּע האָבן געהערט איסאַק הורוויטש, זײַן שוועסטער זשעניע און דער סטודענט עמיל אַבראַמאָוויטש; צו די 90ער יאָרן איז פֿון זיי פֿאַרבליבן נאָר זשעניע הורוויטש, ס'איז צוגעקומען באָריס פֿרומקין, שפּעטער, אין 1893, איז פֿון ווילנע געקומען אַהין פֿאַוועל בערמאַן, און ס'האָט זיך געבילדעט אַ גרופּע „ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן", וואָס איז געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלער גרופּע אין ווילנע. אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור זײַנען באַקאַנט די ווײַטערדיקע מינסקער אויסגאַבעס, אַלע העקטאָגראַפֿירטע, וואָס געהערן שוין צום סוף פֿון דער תּקופֿה—צום יאָר 1897: „אַ סבאָרניק אָפּין 1-טען מאַרט 1881-טען יאָהר" מיט די ביאָגראַפֿיעס פֿון די אומגעקומענע פֿירערס פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און מיט אַ העקטאָגראַפֿירט בילד פֿון סאָפֿיאַ פּעראָווסקי אויפֿן שער, צום סוף קומט דאָס באַקאַנטע ליד פֿון אַ. וואָלט-ליעסין „אַ טראָפּן בלוט"; „דאָקלאַד [באַריכט] פֿון דיא רוסישע דעלעגאַציע דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס פֿון 1896 יאָהר אין לאָנדאָן" — אַ וואָרטלעכע איבערזעצונג פֿון דעם ענלעכן באַריכט אין רוסיש, וואָס איז אַרויס 1897.[32]

דער וויכטיקסטער אויפֿטו פֿון דער מינסקער גרופּע איז געווען די העקטאָגראַפֿירטע פּעריאָדישע צײַטונג „אַרבעטער-בלעטעל". אָבער נאָך פֿאַר דעם, אין 1895–1896, איז געמאַכט געוואָרן אין ווילנע אַ פּרוּוו אַרויסצולאָזן אומפּעריאָדישע בלעטלעך אָבער געשריבענע. אין דעם באַריכט פֿון 1896 ווערט דערציילט: „פֿאַר אַ יאָרן האָט דאָ [אין ווילנע] דערשײַנט פּעריאָדיש, איין מאָל אין וואָך, אַ זשאַרגאָנישע צײַטונג (צירקולירט אין כּתבֿ-יד) מיטן נאָמען „נײַעס אויס רוסלאַנד", צוגעפּאַסט צום פֿאַרשטאַנד פֿון גאָר ווייניק אַנטוויקלטע אַרבעטער. דאָס דאָזיקע צײַטונגס-בלעטל האָט געהאַט אַ גרויסן ערפֿאָלג, עס האָבן דערשײַנט איבער 20 נומערן. איצט וועט דערשײַנען אַן ענלעכע צײַטונג מיט אַ ביסל אַן ערנסטערן אינהאַלט; זי וועט באַהאַנדלען אויך פֿראַגן פֿון מערבֿ-אייראָפּעיִשן לעבן. איר נאָמען איז: „כראָניק פֿונעם לויפֿנדן לעבן"; דער אינהאַלט פֿון די ערשטע דרײַ נומערן: 1) אַ פּאָר ווערטער וועגן די צאַרישע חסדים, 2) די באַן-קאַטאַסטראָפֿע אויף דער וואַרשעווער-טיראַספּאָלער אײַזנבאַן, 3) פּאַסאַזשירן פֿון 4טן קלאַס, 4) די צרות פֿון די איבערוואַנדערער". די ביידע אין באַריכט דערמאָנטע אויסגאַבעס זײַנען צו אונדז ניט דערגאַנגען. פֿון פּריוואַטע מקורים איז אונדז באַקאַנט, אַז אין 1895 איז אין מינסק-ווילנע אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין ייִדיש אַ צײַטונגס-בלעטל, געשריבן אין עטלעכע עקזעמפּלאַרן מיט דער האַנט, „נײַעס אויס רוסלאַנד" אָדער „וואָס הערט זיך אין רוסלאַנד?", צונויפֿגעשטעלט פֿון שוועץ, וואָס האָט געהערט צו דער

---

31 זע וועגן דעם זשעניע הורוויטשעס זכרונות אין ז"ב „רויטע בלעטער", מינסק 1929 („די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרײַזן"), אויך אין ז"ב Рев. движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז' 33 א"וו.

32 אין זשענעווע, אַרויסג' פֿון „סאָיוז" פֿון די רוסישע ס"ד.

גרופּע;[33] לערך אין דער זעלביקער צײַט האָט וו. קאָסאָווסקי אין ווילנע צונויפֿגעשטעלט אַן ענלעך בלעטל אין רוסיש ?Что слышно в Россіи.[34]

ניט דער ערך ערנסטער איז געווען דער מינסקער פּרוּוו פֿון 1897 – דאָס דער־מאָנטע „אַרבעטער־בלעטל״, וואָס איז אַרויס העקטאָגראַפֿירט, 9 נומערן, רעגולער פֿון מערץ ביז אויגוסט, אין 11 – 13 זײַטן און אין 70—80 עקזעמפּלאַרן אַ נומער, מיט אַרטיקלען, קאָרעספּאָנדענציעס, מיטטיילונגען וועגן דער אַלגעמיין רוסישער און ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג – אַ פֿאָרבילד פֿון דער „אַרבייטער־שטיממע״, וואָס האָט גלײַך נאָך דעם דערשײַנט, שוין אין אַ געדרוקטער פֿאָרם. צונויפֿגעשטעלט דאָס „אַרבעטער־בלעטל״ האָט באָריס פֿרומקין און טעכניש אויסגעהאָלפֿן האָט פּאַוועל בערמאַן.[35] די אויסגאַבע איז – בײַ די אומלעגאַלע אומשטאַנדן – געשטאַנען אויף אַ גאַנץ הויכער מדרגה לויט איר אינהאַלט, אָבער אין פּרט פֿון שפּראַך שטייט זי נידעריקער פֿון די ווילנער געדרוקטע בראָשורן, באַזונדערס פֿון די, וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן פֿון גאָזשאַנסקין.

וואָס איז נוגע די ערשטע ייִדישע פּראָקלאַמאַציעס, שטאַמען זיי ניט פֿון ווילנע, הגם ווילנע איז געווען דער צענטער, און אויך ניט פֿון מינסק, נײַערט פֿון וואַרשע. נאָך אין 1893 אָדער 1892 האָט אַ גרופּע יונגע טוערס, דער עיקר תּלמידים פֿון דער וואַרשעווער האַנטווערקער־שול, בראָש מיט י. פּסחזאָן, איבערגעזעצט פֿון פּויליש און אַרויסגעלאָזט אַ מאַי־אויפֿרוף, העקטאָגראַפֿירט, אין 150 עקז׳. אין 1895 האָט די פּפּ״ס אַרויסגעלאָזט אַ מאַי־אויפֿרוף, אויך איבערגעזעצט פֿון פּויליש, אָבער שוין אַ געדרוקטן אין אויסלאַנד.[36] אין 1896 האָט דער אַ״ג „ייִדישער אַרבעטער־פֿאַראיין אין וואַרשע״ אַרויסגעלאָזט צו ימים־נוראָים אַ העקטאָגראַפֿירטע פּראָקלאַמאַציע „צו די ייִדישע אַרבעטער אין וואַרשע״ (זע ווײַטער), זייער אַ פֿאָלקסטימלעכע, וואָס איר מחבר איז געווען י. פּסחזאָן. חוץ דעם האָט דער פֿאַראיין לערך אין דער זעלביקער צײַט אַרויסגעלאָזט נאָך צוויי פּראָקלאַמאַציעס („אויפֿרופֿונגען״, ווי זיי ווערן באַצייכנט אין „אידישן אַרבייטער״), אויך העקטאָגראַפֿירטע, וואָס טראָגן אַ מער לאָקאַלן און פֿאַכישן כאַראַקטער: איינע – „צו די געווערב־געזעלן אין וואַרשע״ און אַ צווייטע, וואָס איר נאָמען ווערט ניט אָנגעגעבן און וואָס איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אַרבעטער אין פֿײַנקינדס

---

33 שוועץ, שפּעטער אַ דאָקטאָר, האָט געלעבט אין דער שווייץ; איז פֿון דער באַוועגונג אַוועק.

34 אַלס טיפּישער בײַשפּיל פֿונעם פּלאָנטער, וואָס האָט זיך געשאַפֿן אַרום דעם בלעטל, קען דינען די חקירה פֿון א. קירזשניץ אין זײַן אַרט׳ וועגן דער סאָציאַליסטישער פּרעסע אין קיִעווער „ביבליאָלאָגישן זאַמל־בוך״, ב׳ 1 (1930), ז׳ 66, הערה 1 (אויך אין ז״ב Рев. движение среди евреев). ניט ריכטיק איז אויך דער אָנווײַז אין דער כראָנאָלאָגיע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ז״ב „25 יאָר״ (וואַרשע 1922), אַז פֿונעם בלעטל „נײַעס פֿון [אויס] רוסלאַנד״ זײַנען אַרויס נאָר 5 נומערן. די דאָזיקע כראָנאָלאָגישע רשימה, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט פֿון מ. יעוזעראָון, איז בכלל ניט פֿרײַ פֿון אייניקע טעותן.

35 באָריס פֿרומקין האָט געהערט צו די אַקטיווסטע טוערס אין מינסק (ניט צונויפֿמישן אים מיט אַן אַנדער מינסקער טוער באָריס ניק׳ פֿרומקין), שפּעטער דער מחבר פֿון אַ רײ וויכטיקע היסטאָר׳ אַרטיקלען וועגן דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ״ און „פּערעזשיטאָיע״. — פּאַוועל בערמאַן, אויך פֿון די אַקטיווסטע טוער, איז געשיקט געווען פֿון דער ווילנער גרופּע קיין מינסק אויף אַרבעט, שפּעטער דעלעגאַט פֿון ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד״; געאַרבעט אַ סך פֿאַרן „בונד״ אין אויסלאַנד, אומגעקומען 1921 פֿון אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפֿע אין ענגלאַנד. האָט אַ סך געהאָלפֿן בײַ די ערשטע מינסקער אויסגאַבעס, אָבער נאָר טעכניש.

36 זע אויספֿירלעכער ווײַטער אינעם אַרײַנפֿיר צו די „פּראָקלאַמאַציעס ערבֿ דעם „בונד״ אין דעם באַנד.

פֿאַבריק.[37] אין 1897 האָט די גרופּע אין וואַרשע אַרויסגעלאָזט אַ מאַי-אויפֿרוף, וואָס זיין מחבר איז געווען דזשאָן מילל, שוין אַ געדרוקטן אין אויסלאַנד, און אין סעפּטעמבער 1897 האָט אויך די ווילנער גרופּע אָפּגעדרוקט אין אויסלאַנד אַן אויפֿרוף, מיטן ספּעציעלן צוועק צו אינפֿאָרמירן די אויסלענדישע יידישע סאָציאַליסטישע קרייזן וועגן אירע אויסגאַבעס און איר אַרבעט בכלל, מחמת די ווילנער בראָשורן האָבן אָנגעהויבן צירקולירן אין אויסלאַנד ניט אונטער זייער אמתער פֿירמע (זע ווייטער).[37a]

אין זיינע זכרונות וועגן דער אַרבעט אין וואַרשע אין פֿרילינג פֿון דער באַוועגונג שרייבט איינער פֿון אירע פּיאָנירן (י. פּסחזאָן) וועגן דעם רושם, וואָס די ערשטע יידישע פּראָקלאַמאַציעס און אומלעגאַלע אויסגאַבעס בכלל האָבן געמאַכט אויפֿן פּשוטן יידישן אַרבעטער: „עס האָט זיך אָנגעהויבן קאָכן צווישן די יידישע אַרבעטער. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן אונטערגעוואָרפֿענע „בריוו“, ביכלעך... דער יידישער אַרבעטער אין וואַרשע האָט דערפֿילט, אַז די אונטערוואַרפֿער פֿון די „פּאַשקווילן“ (ווי מען האָט עס גערופֿן) זיינען זיינע גוטע פֿריינד, אַז דער וועג וואָס זיי ווייזן פֿירט צו רעטונג“.[38]

## III

מיר גייען איצט אַריבער צו די געדרוקטע בראָשורן, וואָס די ווילנער צענטראַלע „גרופּע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד“ האָט פֿון מיטן די 90ער געגומען אַרויסלאָזן. אין יענע יאָרן האָבן נאָך די ווילנער טוערס קיין אייגענע דרוקעריי ניט פֿאַרמאָגט, די ערשטע געהיימע דרוקעריי איז געשטעלט געוואָרן פֿון דער „אַרבייטער שטיממע“. ווי באַקאַנט, האָט די דאָזיקע צייטונג אָנגעהויבן אַרויסגיין אָן דעם וויסן פֿון דעם צענטער, לויט דער איניציאַטיווע פֿון די אַרבעטער מאָיסעי דושקאַן און ישראל-מיכל קאַפּלינסקי און פֿון א. זעלדאָוו-ניעמאַנסקין, און ערשט פֿון נו׳ 2 איז זי אַריבער אָפֿיציעל צו דער „גרופּע“. דער ערשטער נומער (געדרוקט אין 400 עקז׳) איז אַרויס אין אויגוסט 1897 אונטער דער רעדאַקציע פֿון א. זעלדאָוו, ביי דער מיטאַרבעט פֿון אַ. ליטוואַק און הלל קאַץ-בלום, און ביזן סוף 1897 זיינען אַרויס נאָך 4 נומערן. מיר ווילן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דעם אומגעהייערן באַטייט פֿון אָט דעם ערשטן אומלעגאַלן יידישן געדרוקטן אָרגאַן אין רוסלאַנד – וועגן דעם איז ניט ווייניק געשריבן געוואָרן.[39] מיר ווילן נאָר אָנווייזן, אַז דאָס העקטאָגראַפֿירטע מינסקער „אַרבעטער-בלעטל“ האָט אין זיין לעצטן נומער (נו׳ 9) וואַרעם באַגריסט אין אַ ליד די דערשיינונג פֿון „אַרבייטער-שטיממע“ און האָט איר באַלד אָפּגעטראָטן דעם וועג.

ניט האָבנדיק קיין אייגענע דרוקעריי האָט די ווילנער גרופּע געמוזט אָנקומען צו אויסלאַנד, און דאָ איז איר געקומען צו הילף יוזעף פּילסודסקי, וואָס איז

---

37 זע „אידישער אַרבייטער“ נו׳ 2—3 (פֿעברואַר 1897), קאָרעספּאָנדענץ פֿון וואַרשע. מיט פֿינף יאָר שפּעטער איז אין „אידישן אַרבייטער“ נומער 10, ז׳ 27 א״וו, אָנגעוויזן געוואָרן, אַז שוין זומער 1896 האָט די גרופּע יידישע ס״ד אין וואַרשע געהאַט אַרויסגעלאָזט עטלעכע אויפֿרופֿן „וועגן בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען“— צו די שניידערינס וכדומה. אָבער קיין באַשטעטיקונג דערפֿון האָבן מיר ניט געפֿונען.

37a וועגן די פּראָקלאַמאַציעס פֿון דער יידישער גרופּע פֿון דער פּפּ״ס אין 1897 זע אויבן אַרט׳ פֿון פּ. שוואַרץ.

38 „אידישער אַרבייטער“ נו׳ 10 (1900), ז׳ 31, 32.

39 די וויכטיקסטע ליטעראַטור וועגן „אַרבייטער שטיממע“: אַרט׳ פֿון א. ג. [נעמאַנסקי-זעלדאָוו] אין ז״ב „Пережитое“ ב׳ 1 (פּעטערבורג 1908), ז׳ 264 א״וו; „אַרבעטער-לוח“ (וואַרשע 1922), זכרונות פֿון די אָנטייל-נעמער פֿון דער „א. ש.“, ז׳ 101 — 109; פֿ״גל אויך דעם אַרט׳ פֿון אַ. קירזשניץ וועגן דער אומלעגאַלער פּרעסע אין ציט׳ זאַמלבוך Рев. движение среди евреев ז׳ 227 א״וו (דער טייל אַרט׳ פֿעלט אין „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך“, ב׳ 1).

געשטאַנען בראָש פֿון דער ערשט געגרינדעטער פפ״ס, געהאַט מיט אויסלאַנד גוטע פֿאַרבינדונגען און איז אַליין דאָרטן ערשט געווען. ווי ס'איז באַקאַנט, האָט ער אין 1894 אַראָפּגעבראַכט פֿאַר די ווילנער ייִדישע טוער אַ מימעאָגראַף, און אַ דאַנק דעם איז מעגלעך געוואָרן צו מולטיפּליצירן אַ סך פֿון די שריפֿטן, וואָס האָבן צירקולירט אין כתבֿ-יד. דורך פּילסודסקין האָבן די ווילנער טוער אויך אַריבערגעשיקט קיין אויסלאַנד צום דרוקן די ערשטע בראָשורן.[40] ער האָט עס זיי פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער צײַטונג „דער אַרבייטער" אין לעמבערג, וואָס די אַ״ג „פּויליש ס״ד פּאַרטיי אין גאַליציע" האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן; די צײַטונג, וואָס האָט זיך געדרוקט בײַ חיים ראָהאַטין, איז געוואָרן די פֿאַרמיטלערין. תּחילת זײַנען די פֿאַרבינדונגען געגאַנגען דורכן רעדאַקטאָר פֿון „אַרבייטער" יאָאַכים פֿרענקעל, שפּעטער האָבן זיך די ווילנער פֿאַרבונדן מיט דער דרוקערײַ דירעקט. הגם ווילנע האָט געהאַט אַ סיכסוך מיטן „אַרבייטער" דערפֿאַר, וואָס ער פֿלעגט די ווילנער בראָשורן דרוקן אונטער זײַן פֿירמע ניט אָנווײַזנדיק אַפֿילו דעם מקור, האָט זי דאָך אין יענער צײַט ניט געפֿונען אַ פּנים קיין אַנדער פּאַסיקע ייִדישע דרוקערײַ אין אויסלאַנד און האָט ווײַטער געדרוקט בײַ ראָהאַטינען אין לעמבערג. די בראָשורן פֿאָרן טראַנספּאָרט פֿלעגן אַרויסגיין מיט אַ פֿאַלשן שער-בלאַט פֿון דער ווילנער דרוקערײַ „ראָזענקראַנץ און שריפֿטזעצער", דערלויבט כּלומרשט פֿון דער צענזור. אינעם אויסלענדישן אויפֿרוף פֿון דער ווילנער „גרופּע סאָצ'-דעמאָקראַטן" פֿון סעפּטעמבער 1897 ווערט געזאָגט, אַז די גרופּע, וואָס האָט זיך געבילדעט „אין די לעצטע פֿאַר יאָרן, האָט אַרויסגעגעבן אין ייִדישן זשאַרגאָן אַ גאַנצע ריי בראָשורן, אונטער דעם טיטל „ייִדישער אַרבעטער" [?]... זיי דרוקן זיך אין אויסלאַנד און די לעגאַלע פֿאָדערבלעטלעך פֿון די בראָשורן דינען אַלס מיטל לײַכטער צו פֿאַרשפּרייטן זיי אין דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע".[41]

פֿון די ערשטע געדרוקטע בראָשורן איז געווען „גוט יום-טובֿ"—וועגן ערשטן מאַי, אָנגעגעבן ווי אַ „קליינע ערצעהלונג" (לעמבערג 1895); איר מחבר איז אומבאַקאַנט.

---

40 זע פּ. שוואַרץ, יוזעף פּילסודסקי, זײַן באַציִונג צו דער ייִדן-פֿראַגע און זײַן קאַמף קעגן „בונד" (וואַרשע 1936), קאַפּ' 8, אויך זײַן אַרט' אין „צוקונפֿט" 1935, נר' 10; וועגן דעם ווערט דערמאָנט אויך אין דער צײַט' רשימה אין ז״ב „25 יאָר", ז' 112. פּילסודסקיס בריוו, ווו ער דערמאָנט וועגן דעם פֿאַקט, דרוקן זיך איצט אין "Niepodległość„.

41 פּ. שוואַרץ האָט אין זײַן ציט' בוך („י. פּילסודסקי, זײַן באַציִונג צו דער ייִדן-פֿראַגע" אאַז״וו) אויפֿגעשטעלט אַ סכעמע: אַז אין 1894 האָט געהערט אַן „ענגע צוזאַמענאַרבעט" צווישן דער פפ״ס און די ווילנער ייִדישע סאָציאַליסטישע גרופּעס, אַז אַ דאַנק פּילסודסקין האָט יאָאַכים פֿרענקעל אָנגעהויבן דרוקן אין לעמבערג בראָשורן פֿאַר די ווילנער און ביאַליסטאָקער ייִדישע סאָצ'-דעמאָקראַטן און אַז שפּעטער זײַנען די באַציִונגען צווישן די ווילנער טוער און דעם לעמבערגער „אַרבייטער" איבערגעריסן געוואָרן אונטערן דרוק פֿון פּילסודסקין, וועלכער האָט געוואָלט כאָטש „לײַכט צענזורירן" די ווילנער אויסגאַבעס (זע די קאַפּ' 8—12). שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז אַזאַ „ענגע צוזאַמענאַרבעט", ווי ער שרײַבט, האָט קיין מאָל ניט עקסיסטירט; אַזעלכע טובֿות מיט פֿאַרבינדונגען און טראַנספּאָרט זײַנען אין יענע יאָרן בכלל געווען אַן אָנגענומענע זאַך צווישן די פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, דערצו פֿלעגט די פפ״ס, ווי דאָס איז צו זען פֿון פּילסודסקיס בריוו, וואָס זײַנען לעצטנס געדרוקט אין "Niepodległość„ 1937—1938, אַראָפּנעמען זיך דערפֿאַר אַ פֿאַרדינסט פֿאַר אירע צוועקן („פֿון דאָזיקן געשעפֿט האָבן מיר געוויסע געלטמיטלען"). אָבער די פֿאַרבינדונגען צווישן ווילנע און לעמבערג זײַנען באַלד נאָך די ערשטע חדשים שוין געגאַנגען דירעקט און האָבן זיך גאָרניט איבערגעריסן, ווײַל אַפֿילו אין 1897 זײַנען דאָרט געוואָרן געדרוקט אייניקע ווילנער בראָשורן; יאָאַכים פֿרענקעל איז נאָר געווען אַ צופֿעליקער פֿאַרבינדונגס-רינג און אין 1895 איז ער בכלל ניט געווען מער רעדאַקטאָר פֿון „אַרבייטער". עס איז אויך ניט ריכטיק, אַז אין לעמבערג האָבן זיך אויך געדרוקט בראָשורן פֿון ביאַליסטאָק — אַזעלכע זײַנען אין יענער צײַט אויף דער וועלט ניט געווען: בכלל האָט געדרוקט נאָר די צענטראַלע גרופּע פֿון ווילנע.

די בראָשור איז אַקאָמפּילאַטיװע און טראָגט ניט ספּעציעל קײן ייִדישן כאַראַקטער, חוץ דעם קורצן אַרײַנפֿיר, װאָס איז מסתּמא ספּעציעל צוגעשריבן געװאָרן. פּאַטעטיש איז דער סוף פֿון בראָשור, װו ס׳קומט אַן אַרבעטער-ליד צום ערשטן מאַי (זע װײַטער). אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער טראָגט די בראָשור, אױך פֿון די גאָר ערשטע — „אַ װיכּוח װעגען מזל״ (אַמאָל װערט זי דערמאָנט אונטערן נאָמען „דין און יושר״, מסתּמא האָט אַ טײל געהאַט דעם טיטל), װאָס איז דורך און דורך ייִדיש-פֿאָלקסטימלעך און דורכױס אָריגינעל. איר מחבר איז געװען ש. גאָזשאַנסקי, װאָס האָט זיך אין דער בראָשור אַרױסגעװיזן פֿאַר אַן אױסגעצײכנטן פּאָפּולאַריזאַטאָר, מיט אַ שײנעם ייִדישן סטיל, ניט געקוקט אױף דער היפּשער צאָל רוסיציזמען און ערטערװײַז סטיליסטישער אומבאַהאָלפֿנקײט. פֿון די ערשטע איז אױך געװען „דער אַרבײטס-טאָג״, װאָס האָט געהאַט פֿאַר רוסלאַנד אַ לעגאַלן שער „לאַנג און מאָגער״—זײער אַ פּאָפּולערע בראָשור, װעלכע איז עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געװאָרן און איז שפּעטער (1897) אױך איבערגעזעצט געװאָרן אין רוסיש;[42] פֿאַרפֿאַסט איז די בראָשור פֿון פּאַטי סרעדניצקי-קרעמער און, װי דזשאָן מילל באַהױפּט, — מיט דער הילף פֿון אַרקאַדי קרעמערן.[43] צו די פֿריסטע געהער אױך די בראָשור „דיא אידען פֿראַגע אין רוססלאַנד פֿאַר [=בעת] אַלעקסאַנדער דעם דריטטען״, מער באַקאַנט אונטער איר צװײטן טיטל „אַ הספּד״. איר מחבר איז אױך ש. גאָזשאַנסקי; װי הלל קאַץ-בלום שרײַבט אין זײַנע זכרונות (זע אױבן), האָט ער אונטערגעזאָגט דעם „לערער״ (גאָזשאַנסקין) די דאָזיקע טעמע. דאָס איז די ערשטע פּאָליטישע בראָשור אין ייִדיש אין דער אומלעגאַלער ליטעראַטור—װעגן דעם רעכטלאָזן מצבֿ פֿון ייִדן אין רוסלאַנד—און זי האָט אַלע מעלות פֿון גאָזשאַנסקיס פֿאָלקסטימלעכן סטיל.[44]

ש. גאָזשאַנסקי איז געװען דער מחבר אױך פֿון עטלעכע אַנדערע בראָשורן, װאָס זײַנען דעמאָלט געװען זײער פֿאַרשפּרײט, תּחילת העקטאָגראַפֿירטע און אַ ביסל שפּעטער אָפּגעדרוקטע. אײנע פֿון די בעסטע איז „אַ רעדע אױף פּורים״, װאָס טראָגט אױך אַ ייִדיש-פּאָליטישן כאַראַקטער: װעגן דער ייִדן-פּאָליטיק פֿון די רוסישע צאַרן, די „המנס״ פֿון הײַנטיקער צײַט, און װעגן דעם קאַמף קעגן צאַריזם. אױך די איז געדרוקט געװאָרן אין לעמבערג, האָט אַ לעגאַלן שער-בלאַט מיט אַ רוסישער איבערזעצונג Рѣчь на праздникъ Пуримъ. דערשײַנט האָט זי אין 1897, אָבער נאָך פֿאַר דעם האָט זי צירקולירט אין אַ העקטאָגראַפֿירטער פֿאָרם.[44a] פֿריִער, אין 1896, איז אין לעמבערג אָפּגעדרוקט געװאָרן די בראָשור „די גליקען פֿון ראובֿן דעם בערדיטשעװער״; דאָס איז די בראָשור „שכירות״, װאָס איז אױך געװען פֿאַרשפּרײט תּחילת העקטאָגראַפֿירט. װי עס װערט אָנגעגעבן, איז איר מחבר געװען ש. גאָזשאַנסקי,[45] אָבער פֿון

42 די בראָשורן „גוט יום-טובֿ״ און „װיכּוח װעגן מזל״ דרוקן מיר איבער װײַטער, מיט קלײנע קיצורים. די בראָשור „אַרבעטס-טאָג״ איז אַרױס אין רוסיש אין זשענעװע 1897, אָבער נאָך אין 1894 האָט דער רוס׳ ס״ד „סאָיוז״ אַרױסגעלאָזט אין זשענעװע אַ בראָשור מיט אַזאַ נאָמען, איבערגעזעצט פֿון פּויליש.

43 זע אױבן בײַ אונדז די נאָטיץ פֿון דזשאָן מילל װעגן אַ. קרעמערן.

44 װי דאָס רובֿ געדרוקטע בראָשורן, האָט אױך די דאָזיקע פֿריִער צירקולירט װי אַ העקטאָגראַפֿירטע. אָפּגעדרוקט איז זי געװאָרן אין לעמבערג 1896, אױפֿן פֿאַלשן שער (װילנע, דרוקערײַ ראָזענקראַנץ און שריפֿטזעצער) שטײט אין רוסיש „Гешпед״, אױפֿן צװײטן זײַט פֿון שער: „דערלױבט פֿון דער צענזור, װילנע״, דערבײַ די דאַטע: 10. грудня 1895 — דאָס איז לעמבערגער טאַנדעט און אָפּנאַרן דערמיט די רוסישע פּאָליצײַ האָט מען געװיס ניט געקענט: „גראָדניאַ״ אָנשטאָט „דעקאַבריאַ״ װאָלט זי באַלד געבראַכט אױפֿן געדאַנק, אַז דאָס איז טריפֿה סחורה. — װײַטער דרוקן מיר איבער די דאָזיקע בראָשור.

44a די בראָשור „אַ רעדע אױף פּורים״ איז געװען איבערגעדרוקט אין ניו-יאָרקער „צוקונפֿט״ 1897, נו׳ 4—5.

45 זע למשל ז. רײזען, לעקסיקאָן, ב׳ 2, ז׳ 206 (ביִאָגראַפֿיע פֿון לנו—גאָזשאַנסקי).

פּריוואַטע מקורים איז אונדז באַקאַנט, אַז אין איר האָבן זיך אויך באַטייליקט אייניקע אַנדערע טוערס פֿון דער ווילנער אָנפּיר-גרופּע: אַזוי האָט די הקדמה צו איר אָנגעשריבן פּאַטי (סרעדניצקי) און משמעות אַז באַטייליקט האָט זיך אויך ליובע לעווינסאָן (אייזנשטאַט). דאָס איז אַ קאָמפּילאַטיווע בראָשור מיט אַ פּאָפּולערן אַנאַליז פֿון דער פֿראַגע וועגן אַרבעטסלוין, אילוסטרירט מיט אַ סך ציפֿערן און פֿאַקטן, און טראָגט אַן אַלגעמיינעם, ניט קיין ספּעציעל יִידישן כאַראַקטער.[45a]

אַ פֿלאָנטער האָט זיך געשאַפֿן אַרום דער אין יענע יאָרן זייער פֿאַרשפּרייטער בראָשור „ד ע ר ש ט אָ ט-מ ג י ד". די בראָשור איז אָנגעשריבן באַלד נאָכן באַקאַנטן שטרייק אויף עדעלשטיינס פֿאַבריק אין ווילנע (אין אויגוסט 1895); מאַרטאָוו שרייבט אין זיינע זכרונות, אַז ער איז געווען איר מחבר, און אַזוי ווערט אויך נאָטירט אין אייניקע אויסגאַבעס,[46] אין אַנדערע ווידער — אַז איר מחבר איז גאָזשאַנסקי. די דאָזיקע בראָשור, מיט געוויסע שינויים, איז פֿאַראַן אויך אין רוסיש א"נ По поводу еврейской стачки въ Вильнѣ 1895—העקטאָגראַפֿירט, דערביי ווערט אָנגעוויזן, אַז זי איז איבערגעזעצט פֿון ייִדיש (זע די רעפּראָדוקציע ביי אונדז). שוין דאָס אַליין איז דער בעסטער באַווייז, אַז איר מחבר אין אָריגינאַל האָט ניט געקענט זיין מאַרטאָוו, וועלכער האָט קיין ייִדיש ניט פֿאַרשטאַנען און געוויס ניט געשריבן. דער גרונדטייל פֿון דער בראָשור הייסט „די ייִדישע אַרבעטער קעגן די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן" און ער איז דאָ איןביידע טעקסטן. אָבער ווען מען פֿאַרגלייכט זיי, זעט מען, אַז אין דעם ייִדישן זיינען פֿאַראַן אַ סך זאַצן, וואָס פֿעלן אין דעם רוסישן, אַז ער איז אַ סך פֿאָלקסטימלעכער און צוגעפּאַסט צו דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע; חוץ דעם פֿעלט אין דער רוסישער בראָשור דער היפּשער „פֿאָרוואָרט" פֿון דער ייִדישער, דערפֿאַר פֿעלט אין דער ייִדישער די הקדמה פֿון דער רוסישער מיט דער קאָרעספּאָנדענץ פֿון „רוסקיע וועדאָמאָסטי", ווו דער שטרייק איז באַשריבן געוואָרן (דער מחבר פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ איז טאַקע געווען מאַרטאָוו גופֿא), עס פֿעלט אויך די הוספה צום סוף: „דער גלח און די אַרבעטער". מ'דאַרף בכן אָננעמען, אַז מאַרטאָוו האָט מיט זיין באַהויפּטונג, אַז ער איז דער מחבר, געמיינט נאָר די רוסישע בראָשור,[46a] ווו ער האָט צוגעשריבן פֿון זיך צום אָנהייב און צום סוף, און דעם גרונדטייל האָט ער מיט עמעצנס הילף באַאַרבעט פֿון ייִדיש; דער ייִדישער טעקסט פֿון דער בראָשור געהער על כל פנים גאָזשאַנסקין—מען דערקענט עס לויטן סטיל אַליין. די בראָשור האָט אין ייִדיש תּחילת צירקולירט ווי אַ העקטאָגראַפֿירטע און איז אין 1897 געוואָרן אָפּגעדרוקט אין לעמבערג מיט אַ פֿאַלשן שער-בלאַט פֿון דער ווילנער דרוקעריי, ווי אַ „דערציילונג פֿון ייִדישן לעבן".[47] פֿון די אַנדערע געדרוקטע בראָשורן דאַרף מען דערמאָנען: „פֿ ר י ה ל י נ ג ס - ע ר צ ע ה ל ו נ ג ע ן. צווייא רעדען צום ערשטען מאַי 1897", אויך מיט אַ פֿאַלשן שער פֿון ווילנע, מחבר אומבאַקאַנט (1897);[48] „דיא לעבנסגעשיכטע

45a אין זיין ציט' אַרטיקל אין „רויטן פנקס" שרייבט אַ. ל י ט וו אַ ק, אַז ליובע לעווינסאָן האָט אָנגעשריבן אויך אַ בראָשור „די אַנטשטייונג דער מאָדערנער בורזשואַזיע", אָבער מיר האָבן ערגעץ מער ניט געפֿונען קיין אָנווייז אויף אַזאַ שריפֿט.

46 חוץ מ אַ ר ט אָ וו ס „זכרונות פֿון אַ סאָציאַלדעמאָקראַט" ווערט דאָס, למשל, עטלעכע מאָל איבערגעחזרט אין מינסקער „די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אַף ייִדיש".

46a דער רוסישער טעקסט (אָן דער הקדמה און דעם נאָכוואָרט) איז איבערגעדרוקט אין דעם ס"ד Работник (זשענעווע 1896), נו' 1—2, ז' 82 — 88, נאַטירלעך — אַנאָנים.

47 אויפֿן פֿאַלשן ווילנער שער שטייט אין רוסיש: — Городской проповѣдникъ Разсказъ изъ еврейской жизни.—די בראָשור איז ווייטער ביי אונדז איבערגעדרוקט אָן קיצורים.

48 אויפֿן שער אין רוסיש: Весеннiе разсказы—עס איז געווען אַ בראָשור מיטן נאָמען „אַ חלום אויפֿן ערשטן מאַי", וואָס דער „בונד" האָט אָפּגעדרוקט אין זיין געהיימער דרוקעריי אין 1898; „טאַראַס" (דוד קאַץ-צאַגלין) באַהויפּט אין ציט' ז"ב Рев. движение (ז' 150), אַז איר מחבר איז מאַרטאָוו; אינעם זעלביקן יאָר איז אַרויס אין זשענעווע אין רוסיש אַזאַ בראָשור „Сонъ подъ 1-е мая"— און איר מחבר איז מ. מ. (= יעקאַטערינאַ קוסקאָוואַ); עס זיינען געווען בכן צוויי בראָשורן פֿון דעם מין, אײנע אפֿשר מיט אַ ביסל אַן אַנדער נאָמען.

פֿון איין אַרמען אַרבייטער" אָדער „ווי האבען די בעלגישע ארבייטער געשטריטען פאר פרייהייט", פֿאַרפֿאַסט אין רוסיש פֿון ב. קריטשעווסקי,[49] איבערגעזעצט אין יידיש פֿון פּאַטי סרעדניצקי (לויט פּריוואַטע ידיעות).

דער וויכטיקסטער אויפֿטו פֿון דער ווילנער גרופּע איז געווען, וואָס זי האָט, חוץ די בראָשורן, אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין אייגענעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן זשורנאַל — „דער אידישער אַרבייטער, אָרגאַן פֿיר די אינטערעססען דער אידישער אַרבייטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד". דער ערשטער נומער איז ניט דאַטירט, אָבער ס׳איז באַקאַנט, אַז ער האָט דערשינען אין דעצעמבער 1896. די „גרופּע יידישע סאָצ׳-דעמאָקראַטן", ווי די אַרויסגעבער, ווערט אָנגעוויזן ערשט פֿונעם צווייטן נומער. ביז דער גרינדונג פֿון „בונד" זײַנען אַרויס דרײַ נומערן; שפּעטער ווערט עס דער אויסלענדישער אָרגאַן פֿון „בונד".[50] דער דאָזיקער זשורנאַל איז ניט געווען באַשטימט פֿאַר די ברייטע אַרבעטער-קרײַזן, נאָר דער עיקר פֿאַר מער אַנטוויקלטע טוערס. און טראָגט דעריבער אַ מער טעאָרעטישן און ערנסטערן כאַראַקטער, דערפֿאַר אָבער אַ ווייניקער פֿאָלקסטימלעכן. די פּראָגראַם-אַרטיקלען, די אויספֿירלעכע באַלײַכטונג פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד און אויסלאַנד, די רײַכע אינפֿאָרמאַציע וועגן יידישן און אַלגעמיינעם אַרבעטער-לעבן זײַנען דער וויכטיקסטער מקור פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין יענע יאָרן. דער „אידישער אַרבייטער" (זײַנע ערשטע 5 נומערן) איז דורכויס אַ ווילנער פּראָדוקציע: ער פֿלעגט דאָ צונויפֿגעשטעלט ווערן, דער עיקר פֿון וו. קאָסאָווסקין, און געדרוקט האָט ער זיך אין אויסלאַנד (נומער 1 — אין בערלין, 2 — 3 אין לאָנדאָן, 4 — 5 אין פּרעסבורג). מיטן אַרויסגעבן די אונטערערדישע „אַרבייטער-שטיממע" און דעם אויסלענדישן „אידישן אַרבייטער" ווערט די ווילנער גרופּע ענדגילטיק דערהויבן צו אַן אָנפֿיר-צענטער פֿון אַן ערנסטער באַוועגונג. נאָך אין 1896 האָט די גרופּע פֿאַרשפּרייט בראָשורן אין 6400 עקזעמפּלאַרן און דעם ערשטן נומער „אידישן אַרבייטער" אין 1000 עקז׳; אין 1897 זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן בראָשורן אין 11400 עקז׳ און צוויי טאָפּל-נומערן פֿון „אידישן אַרבייטער" (2000 עקז׳).[50a]

דער „אידישער אַרבייטער" האָט זיך בכן געדרוקט אין בערלין — לאָנדאָן — פּרעסבורג און די בראָשורן—אין לעמבערג; די ווילנער גרופּע, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז געווען אומצופֿרידן, וואָס די רעדאַקציע פֿון לעמבערגער „אַרבייטער", צו וועמען די כתבֿ-ידן פֿון די בראָשורן פֿלעגן געשיקט ווערן, האָט זיי איבערגעדרוקט ווי אירע אייגענע; די גרופּע האָט געפֿונען פֿאַר נייטיק אָנצוווײַזן דערויף אין אַ באַמערקונג אין נומער 1 פֿון „אידישן אַרבייטער" און שפּעטער אויך געגעבן אַ רשימה פֿון אירע בראָשורן אינעם אויסלענדישן אויפֿרוף 1897. אין דער דערמאָנטער באַמערקונג איז די רייד נאָר וועגן דרײַ אַזעלכע: „צום ערשטן מאַי" („גוט יום-טובֿ"), „דער אַרבייטס-טאָג" און „ויכּוח וועגן מזל". אָבער דער פּראָטעסט האָט משמעות ניט געהאָלפֿן, און

49 איר מחבר האָט אָנגעוויזן אין דער רשימה פֿון די בראָשורן צום סוף פֿון דער אויסלענדישער פּראָקלאַמאַציע פֿון סעפּטעמבער 1897 (זע ווײַטער איבערגעדרוקט); זי ווערט אויסגערעכנט אויך אין דער קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד אין ניו-יאָרקער „צוקונפֿט" 1897, אויגוסט, געחתמעט מיטן פֿאַרשטעלטן נאָמען „נאַיעל בען מאָרדכי"; דאָ ווערט צום סוף געגעבן אַ רשימה פֿון דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, וואָס די „גרופּע יידישע סאָצ׳-דעמאָקראַטן" האָט אַרויסגעגעבן.

50 דער נומער 1 האָט דערשינען דעצעמבער 1896, נר׳ 2—3 (אַ טאָפּלטער) — פֿעברואַר 1897, נר׳ 4—5 (אויך אַ טאָפּלטער) — דעצעמבער 1897. אין גאַנצן זײַנען אַרויס 17 נומערן — ביז אָקטאָבער 1904, ווען „דער אידישער אַרבייטער" האָט אויפֿגעהערט צו דערשײַנען.

50a זע אַרט׳ פֿון ד. מ אַ כ ל י ן, אונדזער פּרעסע, אין יובֿל-נומער (45) פֿון „אַרבעטער שטימע", סעפּטעמבער 1917 (פּעטערבורג).

לעמבערג האָט אויך שפּעטער איבערגעדרוקט פֿאַר זיך די ווילנער בראָשורן (ווי למשל: „דיא גליקען פֿון ראובן דעם בערדיטשעווער", „דער הספד" און מכתמא אויך „אַ רעדע אויף פּורים"). עס האָט געמוזט זײַן נאָך אַ גרונד, פֿאַר וואָס די ווילנער גרופּע איז געווען אומ-צופֿרידן מיטן לעמבערגער דרוק: אירע בראָשורן זײַנען דאָרט איבערגעמאַכט געוואָרן אין דער גאַליציאַנער אויסשפּראַך, וואָס האָט ניט געטויגט פֿאַר ליטע, און די פֿאַרשטענדלעכע רוסישע אויסדרוקן זײַנען פֿאַרביטן געוואָרן מיט דײַטשמעריזמען, וואָס זײַנען געווען פֿרעמד. אַזוי געפֿינען מיר אין די בראָשורן אַזעלכע אויסדרוקן: „ניא" (אָנשטאָט „נו"), „אויסבאַטן" (אויסבײַטן), „פּאָניגען" (פּײַניקן), „קרים" (קרום), „קינץ", „פּיטער", „בילקע", „מיז", „פֿין", „וואורען" (וואָרעם), „וויר ווייסן", „ערקונדיקט", אָדער דעם פּוילישן אויסדרוק „סאָנדיען זיך" (משפּטן זיך אין געריכט) וכדומה.

די פֿראַגע פֿון דער שפּראַך אין די אומלעגאַלע אויסגאַבעס פֿון יענער צײַט איז אַ טעמע פֿאַר זיך, אויף וועלכער מיר קענען זיך דאָ אויספֿירלעך ניט אָפּשטעלן; מיר ווילן נאָר אָנווײַזן אויף אייניקע אירע כאַראַקטער-שטריכן, וואָס וואַרפֿן זיך אין די אויגן. אין דער ווילנער אָנפֿיר-גרופּע האָבן כמעט אַלע געקענט גוט רוסיש, אָבער נאָר געציילטע פֿון זיי האָבן געקענט שרײַבן ייִדיש. אַ גוטן ייִדישן סטיל האָט אייגנטלעך געהאַט נאָר איין ש. גאָזשאַנסקי;[51] געשריבן ייִדיש האָט אויך פּאַטי (סרעדניצקי — קרעמער), אָבער אירע איבערזעצונגען אָדער קאָמפּילאַציעס זײַנען דעמאָלט געווען אַ סך שוואַכער, און די איבערזעצונגען פֿון ליובע לעווינסאָן (אײַזנשטאַט) זײַנען געווען מער דײַטש ווי ייִדיש; שפּעטער האָבן שוין אַלע מיטגלידער פֿון דער גרופּע אויס-געלערנט זיך פֿרײַ ייִדיש צו ריידן און צו שרײַבן. וו. קאָסאָווסקי, וואָס אין זײַנע הענט איז געלעגן די רעדאַקציע פֿון „אידישן אַרבייטער", איז נאָך אויך געווען רוי אין זײַן ייִדיש. אין אַן אַרטיקל וועגן דער באַוועגונג אין וואַרשע, וואָס געהער פּסחזאָגנען, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געשריבן אַ פֿאָלקסטימלעך ייִדיש, זאָגט דער מחבר אָפֿן: „די ערשטע אויסגאַבן פֿון די ייִדישע סאָצ'-דעמאָקראַטן האָבן געפֿאָדערט אַ סך אויס-בעססערונגען, האָבן גערעדט צום ייִדישן אַרבעטער אין וואַרשע אויף אַ באַרבאַרישן זשאַרגאָן", אָבער — איז ער מוסיף — „דאָך האָבן זיי גערעדט אים צום האַרצן".[52] די צרה פֿון די ערשטע אומלעגאַלע אויסגאַבעס איז געווען, וואָס מ'האָט זיך ניט אָפּ-געשטעלט פֿאַר קיין שום רוסיציזמען: ווי ס'האָט אויסגעפֿעלט אַ ייִדיש וואָרט, האָט מען פּשוט אַרײַנגעשטעלט אַ רוסישס; אַזוי אַ שטייגער האָט מען אַ סך ווייניקער באַנוצט „פֿאָלק" ווי „נאַראָד". מיט דײַטשע ווערטער האָט מען זיך דעמאָלט אויסגעהאָלפֿן אַ סך ווייניקער. אָבער ניט געקוקט דערויף זײַנען די בראָשורן, דער עיקר די אָריגינעלע, געשריבן אין אַ גאַנץ גוטער ייִדישער שפּראַך. אַנדערש איז מיטן „אידישן אַרבייטער": אין די ערשטע צוויי נומערן איז די שפּראַך אין אַלגעמיין ניט קיין שלעכטע, הן אין די פּראָגראַם-אַרטיקלען אַזוי באַזונדערס אין די קאָרעספּאָנדענציעס, הגם ווײַט ניט אַזאַ, ווי אין די פֿאָלקסטימלעכע בראָשורן, און אויך פֿול מיט רוסיציזמען, וואָס רײַסן די אויגן; אַזוי, למשל: „די גלאַוונע, צענטראַלע רעגירונג", „פּאָווטאָרײַען" (איבערחזרן) וכדומה.[53] אָבער פֿון נומער 4–5 אָן קומט פֿאַר אַ „רעוואָלוציע" אין דער שפּראַך: דאָס ייִדיש ווערט שלעכט ביז גאָר, די רוסישע ווערטער פֿאַרשווינדן און אָנשטאָט זיי קומט אַ מבול פֿון דײַטשמעריזמען, וואָס דער לייענער אין רוסלאַנד האָט

---

51 אַנאַליזירנדיק למשל דעם אויפֿקום פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע, שרײַבט ער: „אלה תולדות פֿון די ייִדישע גבֿירים", באַנוצט אַזעלכע אויסדרוקן ווי שבֿרי-לב, שינוי אאז"וו.

52 „אידישער ארבייטער" נר' 10 (1900), ז' 32.

53 דזשאָן מילל שרײַבט אין אַ בריוו צו אונדז, אַז די קאָרעקטור פֿון נר' 4 — 5 „אידישן ארבייטער" האָט געמאַכט איינער טעסלער, שפּעטער אַ באַקאַנטער ס"ד טוער און לנינס אַ גוטער פֿרײַנד: „טעסלער האָט כמעט קיין ייִדיש ניט געקענט, דעריבער איז דער נומער אַרויס מיט אַזוי פֿיל גרײַזן".

זיי זיכער ניט פֿאַרשטאַנען. אַזוי, למשל: „דיא הינגעצייגען פֿון דער פֿלוט דער מאַססענבעוועגונג“(?), „דאס הערויסטרעטענס דעס בונדעס“, „איסט“ אָנשטאָט „איז“, „אונגעניגענד“ וכדומה — אַ שפּראַך אַ האַרבע און פֿרעמדע, באַזונדערס און די איבערזעצונגען; דער חן פֿון פֿאָלקסטימלעכקייט פֿאַרבלײַבט נאָר ווו ניט ווו אין די קאָרעספּאָנדענציעס פֿון די ערטער (אַזוי צ״ב אין די „כּתבֿים פֿון אַן אַרבעטער“ וועגן דעם קאַמף אויף עדלשטיינס פֿאַבריק, אין נו׳ 4—5), אָבער אויך „פֿאַרבעסערט“ פֿון די אינטעליגענטן-רעדאַקטאָרן. אין דער לעגאַלער ייִדישער זשורנאַליסטיק, און אין דער ליטעראַטור אַוודאי, ווו מ׳האָט אויך ניט ווייניק געזינדיקט מיט דײַטשמעריזמען, האָט מען שוין דעמאָלט ניט דער ערך בעסער געשריבן ייִדיש.

ש. גאָזשאַנסקי איז שוין דעמאָלט אין ווילנע ניט געווען, און די אַנדערע ווילנער גוטע ייִדיש-שרײַבער פֿון די יונגע, ווי אַ. ליטוואַק אָדער אַפֿילו ווי זעלדאָוו, האָט מען נאָך צו דער אָנפֿיר-גרופּע ניט צוגעלאָזט, דערצו איז דער ערשטער דעמאָלט געזעסן אין טורמע; אַ. וואַלט (ליעסין) אין מינסק איז שטענדיק פֿאַרבליבן אַ „ווילדער“, האָט זיך אינטערעסירט מיט רעוואָלוציאָנערער ליריק און ניט מיט אָרגאַניזאַציע-פֿראַגן און איז געשטאַנען ווײַט פֿון פּראַקטישער אַרבעט.[54] און פֿאַר די ווילנער פּראַקטיקער איז געווען וויכטיק ניט אַזוי די שפּראַך פֿון די אויסגאַבעס, ווי דאָס וואָס זיי האָבן „גערעדט צום האַרצן“ פֿון אַרבעטער. דער ייִדישער אַרבעטער האָט אָבער אַליין אָנגעהויבן באַקומען געשמאַק צום רעוואָלוציאָנער-ליטעראַרישן שאַפֿן; אייניקע פֿון זיי האָבן גענומען „אויסגיסן דאָס האַרץ“ אין דער נאַטירלעכער שפּראַך זייערער, אין ייִדיש, און האָבן אָן דער סאַנקציע פֿון צענטער אָנגעהויבן שרײַבן רעוואָלוציאָנערע פּובליציסטיק, לידער און אַ מאָל אויך בעלעטריסטיק — טענדענציעז, פּרימיטיוו, אָבער אמת ייִדישלעך. אַזוי איז מיט פֿאָלקסזאַפֿטן באַרײַכערט געוואָרן די אומלעגאַלע קולטור-שאַפֿונג.

## IV

צו דער קולטור-שאַפֿונג, וואָס די אַרבעטער-באַוועגונג האָט אַרויסגערופֿן צום לעבן, געהערן אויך די פּרוּוון צו שפּילן אומלעגאַל טעאַטער, פּיעסעס וואָס די אַרבעטער גופֿא האָבן געשאַפֿן. די דאָזיקע פּיעסעס זײַנען זעלבסטפֿאַרשטענדלעך געווען פּרימיטיוו-טענדענציעז און האָבן דורכויס געדינט דער אַגיטאַציע. שוין אין באַריכט 1896 צום לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס ווערט דערציילט וועגן אַ פּיעסע, וואָס אַן אַרבעטער האָט אָנגעשריבן סוף 1895, וועלכע מ׳האָט געפּרוּווט שפּילן (משמעות אין ווילנע) געהיים, פֿאַר אַ 200 פּערזאָן; דאָס איז אָבער ניט געראָטן (אַלע זײַנען אַרעס-טירט געוואָרן). פֿון אַ. ליטוואַקס זכרונות (וועגן די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן“) ווערט קלאָר, אַז די רייד איז וועגן אַ דראַמע, וואָס ישׂראל-מיכל קאַפּלינסקי (דער שפּעטער-דיקער פּראָוואָקאַטאָר) האָט איבערגעמאַכט פֿון ליטוואַקס דערציילונג „מלחמה פֿאַרן לעבן“, וואָס איז געווען (זע אויבן, הערה 15) אַן איבערזעצונג פֿון אַן-סקיס אַ רוסישער דערציילונג. אין דער פּיעסע ווערט פֿאָרגעשטעלט אַ שטרײַק פֿון די אַרבעטער, די שבֿועה פֿון די שטרײַקערס און דער נצחון פֿון די אַרבעטער און זי פֿאַרענדיקט זיך מיט אַ רעדע פֿון אַן אַגיטאַטאָר און מיט אַרבעטער-לידער.[55] ניט געקוקט אויפֿן ערשטן דורכפֿאַל און אַרעסט, איז די פּיעסע עטלעכע מאָל געשטעלט געוואָרן אין פֿאַרשיידענע שטעט; אַזוי לייענען מיר אין אַ נאָטיץ אין „אידישן אַרבייטער“, אַז אין אויגוסט 1896 איז פֿאָרגעקומען אַ ספּעקטאַקל (די שטאָט ווערט צוליב קאָנספּיראַציע ניט אָנגעגעבן), ווו מ׳האָט געשטעלט אויך די דערמאָנטע

---

54 דערצו האָט ליעסין אָנהייב 1897 עמיגרירט קיין אַמעריקע.

55 פֿ״גל דעם באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַל פֿון 1896 און ב. פֿרומקינס ציט׳ אַרטיקל אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ“ 1913, נו׳ 2.

פּיעסע; געשפּילט האָבן נאָר אַרבעטער און אַרבעטערינס. שפּעטער אַ ביסל האָט מען זי געשטעלט אַ צווייט און אַ דריט מאָל. דעם זעלביקן אָוונט האָט מען געשפּילט נאָך אַ פּיעסע „די רעליגיאָן פֿון קאַפּיטאַל“, איבערגעמאַכט פֿאַר דער סצענע פֿון לאַפֿאַרגס אַרטיקל (?) דורך אַן אַרבעטער; פֿאַרענדיקט האָט מען מיט דער „אַרבעטער-מאַרסעליעזע“ אין ייִדיש. די צווייטע פּיעסע האָט מען אויך געשפּילט אין אַן אַנדער שטאָט, אין וואַלד, אינעם בײַזײַן פֿון 400 אַרבעטער. די הכנסה פֿון די ספּעקטאַקלען פֿלעגט גיין פֿאַר די אומלעגאַלע אַרבעטער-ביבליאָטעקן.[56] דאָ האָט זיך ווידער באַשטעטיקט דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג,—וואָס די אַרבעטער-מאַסע, אויפֿגעוועקט דורך אַ גרויסער אידעע, פֿורעמט אויס די באַוועגונג אין איר גײַסט און אין איר שפּראַך, און די שפּראַך באַקומט איר ווערט פֿון אַ מעכטיקן סאָציאַל-פּאָליטישן און קולטורעלן פֿאַקטאָר און ניט נאָר פֿון אַ פּראַקטישן אויסהילף-מיטל.

אַ שטאַרקע השפּעה אויף די געמיטער — אַ סך שטאַרקער, ווי די פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע בראָשורן אָדער לעקציעס אין די קרײַזלעך — האָבן געהאַט די ערשטע רעוואָלוציאָנערע לידער אין ייִדיש. שוין פֿרצעס ראַדיקאַלע לידער 1894—1895 האָבן בײַ די אַרבעטער געהאַט דעם גרעסטן ערפֿאָלג, מען פֿלעגט זיי אויסלערנען אויף אויסווייניק און דעקלאַמירן. דער ייִדישער אַרבעטסמענטש האָט געהאַט זײַנע לידער פֿון נויט און עקספּלואַטאַציע און פֿאַך-לידער נאָך פֿון פֿאַר דער באַוועגונג; די באַוועגונג האָט אים געבראַכט שטרײַק-לידער און רעוואָלוציאָנערע לידער. די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן פֿון לידער, וואָס זײַנען אַריבערגעקומען פֿון לאָנדאָן און ניו-יאָרק, צו ערשט עדעלשטאַטס, דערנאָך ווינטשעווסקיס און מאָריס ראָזענפֿעלדס.[57] אויף די „סכאָדקעס“ פֿלעגן זיי פֿאָדערן לידער, אָבער די אינטעליגענטן האָבן זיך תּחילת ווייניק אינטע-רעסירט מיט רעוואָלוציאָנערער ליריק, און די אַרבעטער — אָדער די „האַלבע אינטעליגענטן“ — האָבן אַליין געשאַפֿן דעם ערשטן ייִדישן רעוואָלוציאָנערן הימן — די אַזוי גערופֿענע „אַלטע שבֿועה“, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער „ווי שיין איז די נאַטור“ און פֿאַרענדיקט מיט „נאַראָד, ופּעריאָד!“ און איז געווען ברייט פֿאַרשפּרייט אין תּחום אין פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן אין די יאָרן 1896 — 1902.[58] בעתן ערשטן גאַרבערשטרײַק אין קרינעק זומער 1897 האָבן זיך די שטרײַקערס פֿאַרזאַמלט אין אָוונט אונטערן פֿרײַען הימל, „געשוואָרן בײַ אַ פּאָר תּפֿילין יעדערער דאָס מען זאָל שטיין שטײַף... און מען האָט געזונגען די „שבֿועה“; אייניקע האָבן זיך אָוועקגעלייגט אויף דער ערד און האָבן געוויינט פֿאַר פֿרייד אָדער פֿאַר צער“.[59] עס זײַנען געווען אויך אַנדערע לידער; איינע אַזאַ, צום ערשטן מאַי, ווערט געגעבן צום סוף פֿון דער בראָשור „גוט יום-טובֿ“ („נור אַללע צוזאַממען, ברידער און שוועסטער“). אין די לידער איז אָפֿט געווען ניט ווייניק רעוואָלוציאָנערע בדחנות, אָבער זיי זײַנען געווען דורכ-גענומען מיט אַ שטאַרקן גײַסט פֿון ברידערלעכקייט און קאַמף. מיט גרויס ענטוזיאַזם

---

56 „אידישער ארבײטער“, נו׳ 2—3 (פֿעברואַר 1897), ז׳ 40.

57 די ליטעראַטור וועגן אַרבעטער-ליד: א. ליטוואַק, דאָס ערשטע ייִדישע אַרבעטער-ליד, אין זײַן בוך זכרונות „וואָס געווען“ (ווילנע 1926), ז׳ 226 א״וו; שמואל לעהמאַנס זאַמלונג „אַרבעט און פֿרײַהייט“ (וואַרשע 1921); ז״ב „פֿאָלקלאָר-לידער“ פֿון ז. סקודיצקי (מאָסקווע, פֿאַרלאַג „עמעס“), ב׳ 1 — 1933, ב׳ 2 — 1936, זע אויך דאָרטן די אַרײַנפֿירן.

58 די וואַריאַנטן פֿון דער אַלטער „שבֿועה“ זע אין די אָנגעוויזענע מקורים, אויך אין ז״ב „די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אַפֿ ייִדיש“ (מינסק 1936), ז׳ 247—251. פֿון יאָר 1902, ווי באַקאַנט, האָט ש. אַנ-סקיס „שבֿועה“ פֿאַרביטן די אַלטע.

59 „אידישער אַרבײטער“ נו׳ 4—5 (נאָוועמבער 1897), ז׳ 35 (כראָניק פֿון עקאָנאָמישן שטרײַט; די שטאָט ק. מײנט קרינעק).

האָבן די ייִדישע אַרבעטער אויפֿגענומען די רעוואָלוציאָנערע ליריק פֿונעם יונגן מינסקער אַבֿרהם וואַלט (ליעסין). זײַנע לידער „אַ טראָפּן בלוט", „צום קעמפֿער", „דאָרט ווו די לענאַ די קאַלטע", „מאַרטירער-בלוט" וכדומה זײַנען געווען פֿאַרשפּרייט אין האַנטשריפֿטלעכע קאָפּיעס אין פֿאַרשיידענע שטעט, און ערשט שפּעטער, אין 1897, זײַנען זיי אַרויס אין מינסק אין אַ העקטאָגראַפֿירט ביכל „מאָדערנע לידער".[60] דאָס ייִדישע וואָרט האָט אויפֿגעוועקט בײַ דער אַרבעטער-מאַסע אַ קאָמפּלעקס געפֿילן און שטימונגען, ניט בלויז סאָציאַל-פּאָליטישע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע, וואָס האָבן געשלאָגן פֿון אַ טיפֿן פֿאָלקסטימלעך-ייִדישן קוואַל און געשאַפֿן אויף דער ייִדישער גאַס אַ נײַע אוידיטאָריע, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט נאָר אין ייִדיש.

אָבער די אָנפֿירער פֿון די קרײַזלעך האָבן געהאַלטן, אַז אַ סך וויכטיקער זײַנען פֿאַר דער דאָזיקער מאַסע נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע פּאָפּולאַריזאַציעס מיט אַ טענדענציעזן מוסר-השכל. די ייִדישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ האָט דאָ אויף אַ יאָר 20 — 30 פֿאַר-שפּעטיקט לגבי דער רוסישער אין איר אמונה, אַז אָן נאַטורוויסנשאַפֿטלעכע קענטענישן קען מען ניט ווערן קיין ריכטיקער קעמפֿער פֿאַר אַ נײַער סאָציאַלער וועלט. „ראַזוויטיע", בילדונג, האָט קודם-כּל געמיינט אויסלערנען דעם אַרבעטער די יסודות פֿון כעמיע, אַסטראָנאָמיע, דאַרווינס טעאָריע און מיט פּאָזיטיוויזם אַרונטעררײַסן די רעליגיעזע טראַדיציעס פֿון אַלטן שטייגער לעבן. מיט קירפּיטשניקאָווס גראַמאַטיק, מיט רוסישער „גראַמאָטע" איז דאָס ניט געגאַנגען — האָט מען געפּרוּווט פֿאַר אים שאַפֿן אין ייִדיש פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע קליין-ליטעראַטור, גענומען פֿון רוסיש. דערצו האָבן געדאַרפֿט דינען די לעגאַלע בראָשורן. דאָס איז געווען די אויפֿגאַבע פֿונעם „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט", וואָס די ווילנער „גרופּע ייִדישע סאָצ'-דעמאָקראַטן" האָט געגרינדעט אין 1895 מיט אָפּטיילן אין מינסק, ביאַליסטאָק און אייניקע אַנדערע שטעט. קיין אייגענע ליטעראַטור האָט דער קאָמיטעט כּמעט ווי ניט אַרויסגעגעבן, ער האָט נאָר קאָנטראָלירט און פֿאַקטיש רעדאַקטירט די אויסגאַבעס פֿון אַ. קאָטיקס פֿאַרלאַג אין וואַרשע און אינספּירירט די אויסגאַבעס פֿון בערלינער פֿאַרלאַג „צײַט-גײַסט". די אָנפֿירער האָבן למשל געהאַלטן, אַז פּרץ איז „ניט פֿאַרשטענדלעך" פֿאַרן פּשוטן אַרבעטער, און דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט" האָט אַרויסגעגעבן נאָר זײַן „שטרײַמל" („באָנציע שווײַג" האָט די צענזור ניט דורכגעלאָזט אין אַ פּאָפּולערער אויסגאַבע) און אויך ד. פּינסקיס „חיים משרת" (ניט אונטער דער אייגענער פֿירמע). כּמעט קיינער פֿון די הויפּט-אָנפֿירער פֿון „קאָמיטעט" האָט קיין ייִדיש ניט געקענט, האָט מען אַוועקגעזעצט איבערזעצערס און פּאָפּולאַריזאַטאָרס, ווײַט ניט די בעסטע, וועלכע האָבן צוגעגרייט עטלעכע בראָשורן, גענומען פֿון רוסיש, אַ מאָל פֿון פּויליש, אייניקע „מיט ריסונקעס" (בילדער).

דער ענין מיט דעם „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט" איז לויט אונדזער מיינונג שטאַרק איבערגעטריבן. נאָר געציילטע בראָשורן, וואָס זײַנען דורך אים אַרויסגעגעבן געוואָרן, האָבן אַ ליטעראַרישן ווערט; צו זיי געהער אַ שטייגער די בראָשור „ווינטער-אַבענדען, פּאָפּוליאַר-וויסענשאַפֿטליכע געשפּראָכן, בעאַרבייטעט נאָך פֿערשיידענע קוועלען" פֿון ח י ה ז ע ל ד ע ס (אַ. ליטוואַק), וואָס איז אין משך פֿון יאָרן געווען איינע פֿון די פּאָפּולערסטע און איז עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן. פּאָפּולער איז אויך געווען אַ צווייטע בראָשור „אַרבייט און קאַפּיטאַל", איבערגעזעצט פֿון א. ברעסלער, אין קאָטיקס-ברעסלערס פֿאַרלאַג (וואַרשע 1895).[61] דער אָריגינאַל פֿון דער בראָשור איז געווען אין פּויליש, און איר געשיכטע איז אַ גאַנץ פֿאַרפּלאָנטערטע. אין 1891 איז אין וואַרשע

---

60 פֿ״גל די זכרונות פֿון פּ. ק ו ר ס ק י וועגן ליעסינען אינעם ליעסין-נומער פֿון „צוקונפֿט", מערץ 1936. דער איינציקער עקזעמפּלאַר פֿון די „מאָדערנע לידער" איז אויפֿגעהיט געוואָרן אין ארכיוו פֿון „בונד".

61 „אַרבייט און קאַפּיטאַל אָדער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, איבערזעצט דורך אַ. ברעסלער. קאָטיקס עט ברעסלערס אויסגאַבען". וואַרשע תרנ״ו (1895).

לעגאַל אַרויס אַ פּוילישע בראָשור וועגן די גרונד-יסודות פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, באַאַרבעט פון דייטש, פון שראַמס בוך וועגן אויפקום פון קאַפּיטאַל, און געחתמעט מיט די איניציאַלן B. S.—אונטער דעם פּסעוודאָנים האָט זיך באַהאַלטן, ווי עס שטעלן פעסט פעליקס פּערל און זשאַננאַ קאַרמאַן,[62] דער פּויליש-ייִדישער סאָציאַליסט בערנאַרד שאַפּיראָ, אַ מיטגליד פונעם „זוויאָנזעק ראָבאָטניקוו" 1891 און שפּעטער פון דער פּפּ"ס.[63] אין דער רוסישער איבערזעצונג פון דער בראָשור, וואָס האָט אין גיכן נאָך דעם דערשיינט, שטייען תּחילת די זעלביקע איניציאַלן, אָבער אין די שפּעטערדיקע (די בראָשור איז אַ סך מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן) שטייט שוין דער נאָמען (פּסעוודאָנים?) ב. סווידערסקי, און אַזוי איז עס אויך אַריבער אין דער ייִדישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. א. ברעסלער האָט די בראָשור איבערגעזעצט פון דער רוסישער אויסגאַבע, ווי עס איז אָנגעוויזן אויפן שער.[64]

וואָס איז נוגע די אַנדערע בראָשורן, וואָס דער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט" האָט געהאָלפן אַרויסגעבן, האָבן זיי קיין קענטיקע שפּורן ניט איבערגעלאָזט.[64a] אַ געוויסן פּראַקטישן נוצן האָבן זיי זיכער געבראַכט, אָבער זייער ראָלע און ליטעראַרישן אויפטו איז גאָרניט צו פאַרגלייכן מיט דער אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס האָט געשאַפן באמת אַ יש מאַין, געזוכט אויסצואַרבעטן נייע באַגריפן און אַ נייעם סטיל אין אַ לחלוטין נייעם געביט, שוין אָפּגערעדט פון דער סאָציאַל-פּאָליטישער השפּעה, וואָס די אונטערערדישע בראָשורן, לעקציעס, אויפרופן, קאָרעספּאָנדענציעס, אַרבעטער-פּיעסעס און אַרבעטער-לידער האָבן געהאַט אויפן געמיט פון דער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע.

דאָס אייגענע לאָזט זיך זאָגן אויך בנוגע דעם פאַרלאַג „צייט-גייסט", וואָס האָט זיך געגרינדעט אין בערלין אין 1896 און האָט פּאַקטיש באַדינט די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד — דער ווילנער „זשאַרגאָנישער קאָמיטעט" איז געווען דער אָפּנעמער פון זיינע אויסגאַבעס. די אַקטיווע טוער פונעם פאַרלאַג זיינען געווען דוד פּינסקי, וואָס האָט זיך דעמאָלט באַזעצט אין בערלין, א. דאַווידזאָן,[65] דער סטודענט ראַוויקאָוויטש א"אַ. דער דאָזיקער קרייז רוסיש-ייִדישע סטודענטן האָט אין משך פון די יאָרן 1896—1898 אַרויסגעגעבן 7—8 בראָשורן פאַר רוסלאַנד, דערביי האָבן זיך די עטלעכע ערשטע געדרוקט אין וואַרשע, די איבעריקע אין בערלין. אי דעם פאַרלאַג

---

62 פעליקס פערל, Dzieje ruchu socjalistycznego w zaborze rosyjskim (ווארשע 1932); זשאננא קארמאן, Materjały do bibliografji druków social. na ziemiach polskich 1866—1918 (ווארשע 1935). א. קאטיק אין זיינע מעמוארן („דאָס לעבן פון א ייִדישן אינטעליגענט", ניו-יאָרק 1925, ז' 180) שרייבט אויך, אז אונטער די איניציאלן האָט זיך „פארשטעלט א ייד".

63 בערנארד שאפּיראָ איז אין 1906, ביי דער שפּאלטונג פון דער פּפּ"ס, געווען צווישן די פירער פון די אָ"ג „לינקע" צוזאמען מיט פעליקס זאקס, האָרוויץ-זאלעווסקי, פעליקס קאָן, רוטקיעוויטש א"א.

64 Перевел с русскаго ...

64a חוץ די דערמאָנטע אין טעקסט, האָבן אויך דערשינט: „וועגן לופט" פון יאנושעווסקי, איבערגעזעצט פון ד. בולס [ד. פינסקי] „מיט ריסונקעס צום ענדע" (ווארשע 1895, קאָטיקס פארלאג); „אדם הראשונס דורות, אָדער די פארהיסטאָרישע צייט" פון קודריאווסקי „מיט ריסונקעס צום ענדע" (ווארשע 1896, קאָטיקס פארלאג); אויך: סיפּאָווסקי, „סאָקראטעס דער גריכישער פילאָזאָף, איין היסטאָרישע ערצעהלונג" (1896); „דאָס פפלאנצענלעבען—וועגן געוואקסע" (פון קוראָטשקין); „דער זידע צייט" פון נ. רובאקין, איבערגעזעצט פון ה. וויכנין (וועגן די לעצטע דריי איז שווער געווען צו קאָנטראָלירן). די ידיעות וועגן די דאָזיקע אויסגאבעס ווי אויך פון בערלינער פארלאג „צייט-גייסט" און איניקע אנדערע האָבן מיר צו פארדאנקען די פריינדלעכע אָנווייזן פון מ. יעווזעראָוו אין ווילנע. זע אויך ליטוואקס ציט' ארטיקל אין „רויטן פנקס" ב' 1.

65 אַ. ליטוואק, אין דעם ציט' ארטיקל, שרייבט וועגן א. דאווידזאָנען: „אַ סאָציאליסט, וואָס האָט זיך ניט אין גאנצן באפרייט פון „חיבת-ציון", שפּעטער אַן „איסקראָוועץ" אַן אסימילאַטאָר" (זע ז' 26).

זײַנען אַרויס אייניקע דערציילונגען פֿון פּינסקין („דראַבקין“ און „ערבֿ יום־כּיפּור“, „אַ פֿאַרפֿאַלענער“), די איבעריקע זײַנען פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע קאָמפּילאַציעס: ד. פּולס [ד. פּינסקי] — „די אַפּען“; ד. מאַרפּין [ד. פּינסקי] — „די לערע פֿון לעבן (פֿיזיאָלאָגיע)“, אין עטלעכע „שיעורים“ (דער צווייטער „שיעור“ – אין איינעם מיט ד״ר חייסין). די פּאָפּולערסטע בראָשור איז געווען: א. דוזאָן, „די אייביקע מלחמה אין דער נאַטור (דאַרוויניזמוס)“, וואַרשע 1897; דאַווידזאָן האָט אויך אָנגעשריבן נאָך אַ בראָשור „די נאַטור איז די בעסטע שרכנטע“, אָבער זי איז אַ פּנים פֿאַרבליבן אין כּתבֿ־יד.[66]

צו יענער צײַט געהער אויך די גרינדונג פֿון דער „גרופּע יידישע סאָציאַליסטן“ (גי״ס) אין בערן 1896, בראָש מיט חיים זשיטלאָווסקין, מיטן צוועק אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יידיש. וועגן דער גרופּע זײַנען כּמעט ניט פֿאַראַן קיין ידיעות. עס ווערט מיטגעטיילט, אַז אַקטיוו איז אין איר געווען ד״ר י. בלומשטיין (שפּעטער באַקאַנט אין דער בונדישער פּרעסע ווי „ק. פֿרומין“), וועלכער האָט דעמאָלט באַאַרבעט אין יידיש די באַקאַנטע רוסישע רעוואָלוציאָנערע בראָשור „אַ מעשׂה פֿון פֿיר ברידער“, וואָס איז שפּעטער, אין 1899, אַרויס בײַם „בונד“.[67] י. בלומשטיין האָט אויך איבערגעזעצט די בראָשור „וואָס דאַרף יעדער אַרבעטער וויסן און געדענקען“, (האָט אַ פּנים געשטאַמט ניט פֿון דער „גרופּע“), וועלכע האָט פֿריִער צירקולירט ווי אַ העקטאָגראַפֿירטע און אָנהייב 1897 שוין ווי אַ געדרוקטע; אין „אידישן אַרבייטער“ (נו׳ 1) ווערט אָנגעוויזן, אַז די בראָשור איז איבערגעזעצט פֿון פּויליש, אָבער מיר וויסן איצט (זע אויבן דזשאָן מיללס נאָטיץ וועגן קרעמערן), אַז די דאָזיקע בראָשור האָט אַרויסגעגעבן אַ. קרעמער אין אַ רוסישער איבערזעצונג אין זשענעוו.[68] ד״ר י. בלומשטיין איז אויך געווען דער איבערזעצער פֿון „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט“, וואָס האָט דערשײַנט שפּעטער שוין בײַם „בונד“ (1899); (נאָך פֿאַר דעם, אין 1897, האָט אַב. קאַהאַן אין אַמעריקע געגעבן אַ פֿרײַע און ניט פֿולע איבערזעצונג פֿונעם מאַניפֿעסט אין דער „צוקונפֿט“). ווי אונדז איז באַקאַנט פֿון פּריוואַטע מקורים, האָט אַ נאָענטע שײַכות צו י. בלומשטיינס איבערזעצונג געהאַט אויך דער באַקאַנטער בונדישער טוער עזרא און אויך עפּראָס („ירושלמי“), וועלכע האָבן נאָך פֿון פֿריִער געהערט צו דער דערמאָנטער בערנער יידישער גרופּע — אויב מ׳קען זי בכלל אָנרופֿן מיטן נאָמען „גרופּע“.[69]

אין „לעקסיקאָן“ בײַ ז. רייזען ווערט דערציילט בנוגע דער אויבן דערמאָנטער „מעשׂה פֿון פֿיר ברידער“ (די ידיעה קומט פֿון י. בלומשטיינען גופֿא), אַז תּחילת האָט זי געזאָלט אַרויסגיין מיט ח. זשיטלאָווסקיס פּראָגראַמאַטישן אַרײַנפֿיר־אַרטיקל „פֿאַר וואָס עפּעס דווקא יידיש?“, אָבער „צוליב דער פֿײַנדלעכער באַציִונג צו יידיש מצד די דעמאָלטיקע יידיש־סאָציאַליסטישע קרײַזן“ איז די בראָשור אַרויס אָן דעם אַרטיקל. רעדן וועגן אַזאַ „פֿײַנדלעכער באַציִונג“ בײַ די קרײַזן, וואָס זײַנען די ערשטע אַריבער אין יידיש און אין איר אויסגעבויט אַ מאַסן־באַוועגונג, איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך

---

66 דאָרטן.

67 בײַ זלמן רייזען, לעקסיקאָן, ב׳ 1, ז׳ 33, דאַרף אויסגעבעסערט ווערן אַ טעות, וואָס ווערט אַגבֿ אָפּט געמאַכט: די דערמאָנטע רוסישע בראָשור „אַ מעשׂה פֿון [מיט?] פֿיר ברידער“ געהער ניט קראַווטשינסקי־סטעפּניאַקן, נאָר לעוו טיכאָמיראָװן (אַרויס זשענעווע 1873).

68 Что нужно знать и помнить каждому рабочему? דערש׳ אין זשענעווע, אין פֿאַרלאַג „גרופּע פּאָפּולערע ביבליאָטעק“, אין 1895.

69 פֿאַראַן אַ מיינונג, וואָס ווערט ניט באַשטעטיקט, וועגן דער שײַכות צו דער איבערזעצונג אויך פֿון ד״ר סיומינען (האומים) און ד״ר אַבעסהויז פֿון דער בערנער גרופּע, צו וועלכער עס זאָלן האָבן אויך געהערט ד״ר שוועץ און איינער גירשקאָוו; בכל אופֿן האָבן זיי קיין ראָלע ניט געשפּילט.

פֿאַלש. אָבער אמת איז, אַז די דאָזיקע קרײַזן האָבן זיך מיטן זעלבשטענדיקן באַטײַט פֿון ייִדיש און זײַן צוקונפֿט ניט געקענט געבן קיין עצה. אַפֿילו מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט די רעדאַקציע פֿון „אידישן אַרבייטער" געפֿונען פֿאַר נייטיק צוצוגעבן פֿון זיך אַזאַ הערה צו בן-אהודס (זשיטלאָווסקיס) אַרטיקל „ציוניזמוס אָדער סאָציאַליזמוס": „צי וועט זיך די ייִדישע פֿאָלקסשפּראַך, דער „זשאַרגאָן", אַזוי אַנטוויקלען, אַז זי וועט ווערן אַ קולטורשפּראַך, צי וועט דאָס לעבן ברענגען דערצו, אַז עס וועט זיך מיט דער צײַט אויסבילדן אַ ספּעציעל ייִדישע ליטעראַטור און וויסנשאַפֿט, אַ ספּעציעל ייִדישע קולטור... דאָס אַלעס זײַנען פֿראַגן, אויף וועלכע עס איז שווער יעצט באַשטימט צו ענטפֿערן"...[70]

צו יענער צײַט געהער אויך די געשיכטע מיט דער „ייִדיש-סאָציאַליסטישע פּאָסט פֿון אַמעריקע קיין רוסלאַנד", וואָס האָט געהאַט דעם צוועק אַרונטערצורײַסן די אַרבעט פֿון דער „גרופּע ייִדישע סאָצ'-דעמאָקראַטן" און אויסקאָנקורירן אירע אויסגאַבעס. די „ייִדישע פּאָסט" איז געגרינדעט געוואָרן איז 1896 אין ניו-יאָרק פֿון אַ קליינער גרופּע עמיגראַנטן פֿון פּוילן, בראָש מיטן געוועזענעם וואַרשעווער טוער פֿון דער פּפּ"ס מאָנטלאַק און מיט דער הילף פֿון ב. פֿייגנבוימען (מיטגעאַרבעט מיט דער „ייִדישער פּאָסט" האָט אויך פֿיליפּ קראַנץ). די אויפֿגאַבע איז געווען אויסצוהעלפֿן די ייִדישע מיטגלידער פֿון דער פּפּ"ס אין פּוילן מיט ליטעראַטור. די ערשטע — און אויך די איינציקע — בראָשור, וואָס די „ייִדישע פּאָסט" האָט אַליין אַרויסגעגעבן, איז געווען ב. פֿייגנבוימס „ג ן - ע ד ן התחתון". אין אַמעריקע האָט פֿייגנבוימס בראָשור געטראָגן אַן אַנדער נאָמען: „דיא סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד און דיא דאָרטיגע אידען. אַ פּראָפּאַגאַנדא-בראָשורע, עקסטראַ געשריעבען צו פֿערטיילען צווישען דיא אידישע אַרבייטער אין רוסלאַנד אין אַלגעמיינען און אין רוסיש-פּוילען בעזונדערס" (ניו-יאָרק 1896), אָבער פֿאַרן טראַנספּאָרט קיין רוסלאַנד האָט מען אָפּגעדרוקט אַ פֿאַלשן שער-בלאַט: „דאָס גן-עדן התחתון. אַ וואונדערליכע אמת'ע מעשה, וויא מען איז דערגאַנגען דעם וועג צום גן-עדן אויף ד ע ר וועלט, און וויא מענשען פֿאהרען אַהין. פֿאַרפֿאַסט פֿון ש מ ח ה ב ו נ ם ב ן - נ " ץ", דערבײַ איז אָנגעגעבן די דרוקערײַ זיסבערג אין וואַרשע (מיט אַ כּלומרשטער צענזור-דערלויבעניש) און דאָס יאָר 1 8 7 5.[71] פֿאַר די ביבליאָגראַפֿן איז וויכטיק צו וויסן, אַז דאָס יאָר איז אַ פֿאַלשס; אין פֿלוג איז קלאָר, אַז אין 1875 האָט אַזאַ סאָציאַליסטישע בראָשור ניט געקענט דערשײַנען. דער מחבר „שמחה בונם בן-נץ" איז אַ קאָמבינאַציע פֿון פֿייגנבוימס טאָפּל-נאָמען און ווינטשעווסקיס פּאָפּולערן פּסעוודאָנים.[72] צו דער נ י ו - י אָ ר ק ע ר אויסגאַבע קומט אויך אַ הקדמה (פֿון פֿייגנבוימען) וועגן דער אויפֿגאַבע פֿון דער „ייִדישער פּאָסט", וואָס איז ספּעציעל געווענדט קעגן די טענדענצן פֿון דער „גרופּע ייִדישע סאָצ'-דעמאָקראַטן", הגם איר נאָמען ווערט ניט דערמאָנט („נישט דווקא, אַז דיא יודען זאָלען דאָרט אָנטייל נעהמען אין דיא סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג");[73] אין דער טראַנספּאָרטירטער אויסגאַבע פֿעלט די דאָזיקע הקדמה. די פּפּ"ס האָט געגעבן דאָס געלט פֿאַר דער „ייִדישער פּאָסט", און י. פּילסודסקי איז געווען זייער צופֿרידן מיט דעם אויפֿטו; דער פֿערטער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּפּ"ס (נאָוועמבער 1897) האָט אַפֿילו ספּעציעל געלויבט אין אַ רעזאָלוציע די בראָשור „גן-

---

70 „אידישער אַרבײַטער", נו' 6 (מערץ 1899), ז' 11.

71 בײדע אויסגאַבעס אין אַרכיוו פֿון „בונד". די צווייטע אויך אין ביבליאָטעק פֿון ייִוואָ.

72 זע אַרט' פֿון ק ל מ ן מ ר מ ר אין ניו-יאָרקער „פֿרײַהייט" פֿון 16 אָקטאָבער 1928 וועגן ווינטשעווסקין (הערה).

73 וועגן דער הקדמה זע דעם ציט' אַרטיקל וועגן דער באַוועגונג אין וואַרשע אין „אידישן אַרבײַטער" נו' 10, ז' 30, אויך די הערה אויף ז' 29. מחמת דער וויכטיקייט פֿון אָט דער טיפּישער הקדמה ברענגען מיר ווײַטער אין באַנד איר פֿולן טעקסט.

עדן התחתון" און די „יידישע פּאָסט".[74] ביזן יאָר 1899 האָט די „יידישע פּאָסט" אַריבערגעשיקט קיין פּוילן, ווי ס'ווערט אָנגעגעבן אין די פּפּ"סישע מקורים, 6066 עקזעמפּלאַרן פֿון אַמעריקאַנער יידישע בראָשורן, דערביי „דער גן-עדן התחתון" אַליין — אין 3000. באַלד נאָך דעם איז די „יידישע פּאָסט" אונטערגעגאַנגען.

אין די 90ער יאָרן מערקט זיך אָן אויפֿשטייג אין דער יידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אויך אין אויסלאַנד, אין דער ערשטער ריי אין אַמעריקע. די דאָזיקע ליטעראַטור האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין רוסלאַנד און האָט זיכער געהאַט אַ השפּעה אויף דער דאָרטיקער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. די מיינונג, וואָס ווערט אָפֿט אַרויסגעזאָגט, אַז די אַמעריקאַנער אָדער לאָנדאָנער סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס זיינען בכלל געווען פֿרעמד און ניט צוגעפּאַסט צום יידישן אַרבעטער אין רוסלאַנד, איז ניט אין גאַנצן ריכטיק. אין דעם באַריכט פֿון 1896 צום לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס ווערט אָפּגעגעבן אַ ספּעציעלער אָרט די אויסלענדישע יידישע אויסגאַבעס, וואָס ווערן באַנוצט בעת די פֿאָרלעזונגען אין די קרייזלעך און „קאַסעס", און עס ווערן אויסגערעכנט די וויטערדיקע בראָשורעס פֿון דעם מין: „יהי אור",[75] וועגן שטרייקן און וועגן קריזיסן (?), „די הגדה",[76] „די יידישע הילף",[77] „וויא קומט אַ יוד צום סאָציאַליזמוס?",[78] דיקשטיינס „פֿון וואָס איינער לעבט", אַרטיקלען פֿון „צוקונפֿט" און „פֿרייע וועלט".[79] שוין דאָס אַליין באַווייזט, אַז די אַמעריקאַנער אויסגאַבעס זיינען געווען יאָ פֿאַרשפּרייט. אָבער ניט נאָר די אויסגערעכנטע: אַזוי, למשל, דערציילט הלל קאָץ-בלום (זע אויבן זיינע זכרונות), אַז אין ביאַליסטאָק האָט ער (אין 1896—1897) שטודירט מיט די אַרבעטער מאַרקס' בראָשור „לוינאַרבעט און קאַפּיטאַל" און לאַסאַלס „אַרבעטער-פּראָגראַם" — און דאָס זיינען דאָך געווען אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר אויסגאַבעס.[79a]

---

74 די געשיכטע פֿון דער „יידישער פּאָסט" ווערט דערציילט בקיצור ביי פּ. ש װ אַ ר ץ אין זיין ציט' בוך (קאַפּ' 15, ז' 145 א"וו); דער מחבר מאַכט אַ טעות אין נאָמען: ניט „די יידישע סאָצ' פּאָסט פֿון אַמעריקע קיין פּ ו י ל ן", נאָר „...קיין ר ו ס ל אַ נ ד". ה. ב ו ר ג י ן אין זיין געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג (ניו-יאָרק 1915) רופֿט זי גאָר מיט אַן אַנדער נאָמען: „הילפֿס-פֿאַרבאַנד פֿון די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסיש-פּוילן און אין רוסלאַנד" (זע ז' 200); דער מינסקער ז"ב „סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אַף יידיש" מאַכט אַן אַנדער טעות: אַז פּייגנבוימס בראָשור, וואָס וועגן איר איז דאָ די ריד, האָט געהייסן „וויא קומט אַ ייד צו סאָציאַליזמוס?" (ז' 73, הערה 21), בעת דאָס איז לגמרי אַן אַנדער בראָשור, וואָס האָט מיט דעם ענין גאָר ניט צו טון.

75 ווערט געמיינט מסתמא די צ ווי ט ע אויפֿלאַגע פֿון דער בראָשור, וואָס האָט דערשיינט אין אַמעריקע אין 1890.

76 ווערט געמיינט די סאָציאַליסטישע „הגדה של פּסח" (על פּי נוסח חדש), איבערגעדרוקט פֿון „אַרבייטער פֿריינד"... מיט אויסבעסערונגען און צוגעפֿיגטע שטיקלעך" פֿון ל. ז אָ ל אָ ט ק אָ װ און ב. פֿ י י ג נ ב ו י ם (לאָנדאָן 1888).

77 „די גאולה אָדער די יידישע הילף" פֿון ב. פֿ יי ג נ ב ו י ם, אַרויסג' פֿון „ריטטער דער פֿרייהייט" (לאָנדאָן 1890).

78 „וויא קומט אַ יוד צו סאָציאַליזמוס?" — אויך ב. פּייגנבוימס בראָשור, אַרויס אין לאָנדאָן 1889.

79 די „צוקונפֿט" האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין 1892 (רעד' פֿיליפּ קראַנץ, שפּעטער אַב. קאַהאַן), אָבער ניט רעגולער: האָט זיך סוף 1897 פֿאַרמאַכט און ערשט אין 1902 ווידער אויפֿגעלעבט. די „פֿרייע וועלט" — אַ חודש-זשורנאַל אין לאָנדאָן, אַרויס 1891 — 1892 אונטער דער רעד' פֿון ק. גאַלאָפּ, שפּעטער פֿון מ. באַראַנאָוו, אַרויסגעגעבן פֿון דער גרופּע „פּראָלעטאַריאַט" ווי אַ קאָנקורענץ דעם אַנאַרכיסטישן „אַרבייטער-פֿריינד".

79a ה. ב ו ר ג י ן, אין זיין געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, שרייבט, אַז אין רוסלאַנד זיינען געווען פֿאַרשפּרייט די „צוקונפֿט", די „אַרבייטער-צייטונג" און די בראָשורן: מאַרקס' „לוין און קאַפּיטאַל" אין אַב. קאַהאַנס איבערזעצונג און זיין „עיקר פֿון סאָציאַליזמוס", ווי אויך פּייגנבוימס „וויא קומט אַ יוד צו סאָציאַליזמוס?" און „די גאולה" (זע ז' 200).

דאָס

# גַן-עֵדֶן הַתַּחְתּוֹן.

אַ וואונדערליבע אמת'ע מעשה, וויא מען איז דערגאַנגען
דעם וועג צום גן־עדן אויף דער וועלט,
און וויא מענשען פאָהרען אַהין.

פערפאסט פון

## שמחה בונם בן־נ"ץ.

פרייז 3 קאָפּיקעס.

ДЕРЪ ГАНЪ-ЕДЕНЪ ГАТАХТЕНЪ
т. е. Земной Рай.
Сочинено Ш. Б. Бенъ-Нецомъ.
Типографія Н. Д Зысберга
ВАРШАВА.

1875.

ב. פייגנבוימס בראָשור „דיא סאציאליסטישע באַוועגונג אין רוסלאנד און דיא דאָרטיגע אידען״ (ניו־יאָרק 1896) מיט אַ פאַלשן שער און אַ פאַלשן יאָר, ארויסג׳ פאַר רוסלאַנד־פוילן פון דער „יודיש־סאָציאַליסטישער פּאָסט פון אמעריקע״.

עס ווערט אויך דערציילט, אַז בעת א. וואַלט-ליעסין איז אין 1891 געקומען פֿון ווילנע צוריק קיין מינסק, האָט ער דאָ געפֿונען עטלעכע העקטאָגראַפֿירטע (?) עקזעמפּלאַרן פֿון לאַווראָווס רעדע (צו די ייִדישע אַרבעטער אין פּאַריז), פֿאַרוואַלגערט אין דער מינסקער ניט-לעגאַלער ביבליאָטעק, און האָט אַ פּאָר פֿון זיי אַריבערגעשיקט קיין ווילנע.[80]

פֿון דעסט וועגן איז אמת, אַז די לאָנדאָנער און ניו-יאָרקער סאָציאַליסטישע ליטעראַטור האָט לפֿי-ערך געהאַט אַ קליינע השפּעה אויף די ייִדישע אַרבעטער אין רוסלאַנד. ראשית, האָט מען נאָך דעמאָלט ניט געהאַט קיין רעגולערע פֿאַרבינדונגען מיט די לענדער, און חוץ דעם זײַנען אין די אויגן פֿון די אינטעליגענטן-אָנפֿירער די דאָזיקע ייִשובֿים געווען שוין פֿרעמדע, ווײַל קיין נאַציאָנאַלע איינהייט איבער מלוכה-גרענעצן האָבן זיי ניט אָנערקענט. ס'איז געווען נאָך אַ סיבה: די רוסיש-ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן זײַנען לגמרי ניט געווען פֿאַראינטערעסירט צו פֿאַרשפּרייטן די ריין אַ נ אַ ר כ י ס ט י ש ע ייִדישע בראָשורן פֿון אויסלאַנד. אָבער נאָך וויכטיקער איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס די אַמעריקאַניש-ענגלישע ייִדישע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, הגם זי איז געווען צײַטיקער און רײַכער, האָט שפּראַכלעך ניט געטויגט מחמת איר אויפֿגעבלאָזענער דײַטשמערישקייט. אַזוי שרײַבט איינער פֿון די וואַרשעווער טוערס, אַז די אויסגאַבעס פֿון אויסלאַנד, ווי צום בײַשפּיל לאָסאַלס „אַרבעטער-פּראָגראַם", זײַנען ניט געווען צוגעפּאַסט „צוליב דעם שלעכטן ייִדישן זשאַרגאָן, וואָס איז אומפֿאַרשטענדלעך דעם פּוילישן ייִד".[81] און ניט נאָר שפּראַכלעך: זיי זײַנען בכלל געווען ווײַט פֿון דער רוסיש-ייִדישער קאָנקרעטערווירקלעכקייט און אויך זייער צ ו ג אַ נ ג צום לייענער איז געווען גאָר אַן אַנדערער. אַזוי אַ שטייגער האָט ווייניק געטויגט פֿאַר דער אַגיטאַציע אין רוסלאַנד דער משׂכּיליש-אַפּיקורסישער קאַמף קעגן רבונו-של-עולם, וואָס ב. פֿייגנבוים און זײַן גלײַכן האָבן געפֿירט, זייער „תּפֿילה זכּה" און צו-להכעיס-פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר די יום-כּיפּור-בעלער; אין „תּחום" האָט מען דעם קאַמף קעגן רעליגיע געפֿירט מיט גאַנץ אַנדערע מעטאָדן און גאָרניט אויף אַזאַ ווולגאַרן שטייגער.

און נאָך אַ סיבה איז געווען, וואָס מיר האַלטן זי פֿאַר זייער וויכטיק. אין די פּאָליטישע בראָשורן און רעדעס פֿון דער „גרופּע ייִדישע סאָצ'-דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד" האָט זיך דורך דעם קאָסמאָפּאָליטיזם גענומען דורכשלאָגן גאָר אַ נײַער טאָן, געדאַנקען אַרויסגעטראָגענע פֿון דער באַהעפֿטונג מיט דער ברייטער מאַסע — וועגן ספּעציעלע אינטערעסן, וואָס דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט האָט אין דעם קאַמף קעגן צאַריזם, און וועגן דער נייטיקייט פֿון אַ ספּעציעל ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע; פֿאַר די לאָנדאָנער אָדער ניו-יאָרקער קאָסמאָפּאָליטישע אַסימילאַטאָרן זײַנען אַזעלכע געדאַנקען געווען פֿרעמד און טריף. עס איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן אין לאָנדאָן אָדער ניו-יאָרק אין יענע יאָרן אַזאַ רעדע למשל, ווי ס'האָט געהאַלטן דער ייִדישער קאַמאַשן-מאַכער אויף דער מאַי-פֿײַערונג אין ווילנע אין 1892, דורכגעדרונגען מיט ייִדישע געפֿילן וועגן דעם „אָרעמען ייִדישן פֿאָלק" און אַפֿילו מיט ייִדישן שטאָלץ: „מיר ייִדן דאַרפֿן בײַ זיך ניט אַראָפּפֿאַלן און דאַרפֿן זיך ניט שעמען, וואָס מיר געהערן צו דער „שענדלעכער" ייִדישער ראַסע... עס איז אויף דער וועלט ניט געווען נאָך אַזאַ נאַציע, וואָס זאָל אַזוי ווי די ייִדישע קענען מיט אַזאַ עקשנות גיין שטאַרבן אויף קידוש-השם". עס איז אויך ניט מעגלעך געווען אַזאַ מאָטיווירונג פֿון אַ זעלבשטענדיקער ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, ווי ס'האָט געגעבן מאַרטאָוו אין זײַן רעדע אויף דער ווילנער מאַי-

---

80 זע „צוקונפֿט", 1936, אַפּריל, ז' 310, הערה. פֿאַר וואָס העקטאָגראַפֿירטע — איז ניט פֿאַרשטענדלעך: לאַווראָווס רעדע איז אַרויס אין לאָנדאָן געדרוקט (1888); מיר דרוקן זי ווײַטער איבער.

81 „אידישער אַרבייטער" נו' 10, ז' 31. לאַסאַלס „אַרבעטער-פּראָגראַם" איז אין ייִדיש איבערגעזעצט געוואָרן פֿון פֿ י ל י פּ ק ר אַ נ צ ן (אַרויס צו ערשט 1889 אין לאָנדאָן, שפּעטער איבערגעדרוקט אין אַמעריקע).

פֿאַרזאַמלונג פֿון פּראָפּאַגאַנדיסטן אין 1895: „מיר דאַרפֿן אונדזער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע צוגעבן אַ מער יִדישן כאַראַקטער... די אויפֿוואַכונג פֿון דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזײַן און דעם קלאַסן-באַוווּסטזײַן דאַרפֿן גיין האַנט-אין-האַנט".[82] און די ביידע רעדעס זײַנען דאָך דורכגעגאַנגען די פּאַרטיי-צענזור פֿון דער ווילנער אָנפֿיר-גרופּע. ניט געקוקט אויפֿן גײַסט פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם, שלאָגן זיך דורך די דאָזיקע נײַע טענער אויך אין דער ווילנער אומלעגאַלער ליטעראַטור, באַזונדערס אין די פֿאָלקסטימלעכע בראָשורן אויף יִדיש-פּאָליטישע טעמעס. פֿון דער צווייטער זײַט זײַנען ניט מעגלעך געווען אין אָט דער ווילנער — אָדער מינסקער און וואַרשעווער — אומלעגאַלער ליטעראַטור אַזעלכע אַרטיקלען, ווי מ. באַראַנאָוו האָט געדרוקט אין 1893 אין לאָנדאָנער „דער וועקער" („קען מען פֿײַנט האָבן אַ יִדן?" און „וועגן דער יִדן-פֿראַגע") אין אַזאַ אַסימילאַטאָריש-אויסלאַכערישן און כמעט אַנטיסעמיטישן טאָן, וואָס האָט אויפֿגערעגט אַפֿילו די שטילע אימיגראַנטן-מאַסע אין ענגלאַנד.[83] דער יִדישער אַרבעטער אין רוסלאַנד און פּוילן האָט אויף זיך גענומען דעם ביטערן קאַמף פֿאַר די רעכט פֿון פֿאָלק קעגן צאַריזם—און דאָס האָט אים געבראַכט אויך צו געוויסע נאַציאָנאַלע מאָמענטן.[84] בעת די „יִדיש-שפּרעכנדע" קאָסמאָפּאָליטן אין לאָנדאָן און ניו-יאָרק איז געגאַנגען דער עיקר אין דעם, אַז די אָנגעלאָפֿענע אימיגראַנטן זאָלן זיך וואָס גיכער „אויסגרינגען" און אַרײַנפּאַסן אינעם גײַסט און שפּראַך פֿון לאַנד, ווערן מיט מענטשן גלײַך און פֿאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. די פּראָפּאַגאַנדע האָבן זיי געפֿירט דערבײַ אונטער ראַדיקאַלע—אַנאַרכיסטישע אָדער סאָציאַליסטישע—לאָזונגען, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט פֿון דער אַלטער היים, ווו זיי זײַנען פֿון דער יִדישער מאַסע געווען לחלוטין אָפּגעריסן און אויף יִדישע אַרבעטער אַפֿילו זיך ניט אַרומגעקוקט. די יִדישע אַרבעטער-טוער אָבער, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אין דער אַלטער היים, האָבן הינטער זיך געפֿילט דעם אָטעם פֿון אַ גרויסער אַרבעטער-מאַסע אין „תּחום" און האָבן פֿאַרבונדן זייער גורל מיט איר: געוועקט איר סאָציאַלן באַוווּסטזײַן, געעפֿנט איר די אויגן אויף איר פּאָליטישן מצבֿ און נאַציאָנאַלע אייגנשאַפֿטן און דורכגעשלאָגן פֿאַר איר מיט דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין איר שפּראַך אַ טיר צו דער יִדישער ליטעראַטור און קולטור. אין דער ערשטער ריי איז דאָס געווען די ווילנער „גרופּע יִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן", און אין דעם איז באַשטאַנען דער היסטאָרישער פֿאַרדינסט פֿון דער גרופּע.

---

82 די מײַ-רעדעס פֿון 1892 און מאַרטאָווס רעדע פֿון 1895 זע ווײַטער אין דעם באַנד.

83 פֿ״גל די סעריע אַרטיקלען פֿון ב. רודערמאַן, „די יִדיש-סאָציאַל׳ באַוועגונג אין ענגלאַנד" (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע), געדר׳ אין „פֿרײַע אַרבעטער שטימע" (נ׳ י׳) פֿון סעפּטעמבער 1924 ביז אָקטאָבער 1925, אין די לעצטע נומערן פֿון דער סעריע. מ. באַראַנאָווס אַרטיקלען האָבן זיך געדרוקט אין לאָנדאָנער „וועקער" אין 1892—1893, נר׳ 1 און 6.

84 מען מוז פֿון דעסט וועגן אָנווײַזן, אַז די „גרופּע יִדישע ס״ד אין רוסלאַנד" האָט ניט אַרויסגעשטעלט אַזוי קלאָר די יִדישע פֿאָדערונגען, ווי דאָס האָט, למשל, געטאָן די יִדישע ס״ד גרופּע „לומינאַ" אין רומעניע אין דער זעלביקער צײַט: די לעצטע האָט שאַרף פֿאָרמולירט די פֿאָדערונג פֿון „אַ טאַקטיק לויט נאַציעס", קאַמף פֿאַר יִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג און „קעגן שמד"; אין איר מעמאָראַנדום צום לאָנדאָנער סאָציאַליסטישן קאָנגרעס 1896 האָט זי באַשריבן דעם „מצבֿ פֿון אומגליקלעכן פֿאָלק" (יִדן) אין רומעניע און געפֿאָדערט, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָצ׳-דעמאָקראַטיע זאָל זיך פֿאַראינטערעסירן מיט דעם מצבֿ און „פֿאַרענטפֿערן די יִדישע פֿראַגע" (זע אויבן אַרט׳ פֿון ד״ר י. קיסמאַן). אַזאַ פֿאָרמולירונג און אַזאַ אַרגומענטאַציע איז געווען לחלוטין פֿרעמד דער יִדישער סאָצ׳-דעמ׳ גרופּע אין רוסלאַנד, וועלכע האָט אין איר באַריכט פֿאַרן זעלביקן אינטערנאַציאָנאַל די יִדישע פֿראַגע און דעם מצבֿ פֿון יִדן אין רוסלאַנד בכלל כמעט ווי פֿאַרשוויגן און נאָר גערעדט וועגן דער באַוועגונג צווישן די יִדישע אַרבעטער. אמת, די שטעלונג פֿון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו דער יִדן-פֿראַגע איז געווען לגמרי אַן אַנדערע, ווי בײַ די רומענישע ס״ד, קאַמף פֿאַר גלײַכע רעכט פֿאַר אַלעמען איז געווען אַן עיקר-פּונקט אין דער רוסלענדישער ס״ד-פּראָגראַם.

מיר דרוקן ווײַטער אין דער אָפּטיילונג די וויכטיקסטע מוסטערן פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין יִדיש, אָנגעהויבן פון דער נאַראָדאָוואָלישער „אַרבייטער-צייטונג״, ביז די האַנטשריפטלעכע, העקטאָגראַפירטע און באַזונדערס די געדרוקטע אויסגאַבעס פון דער ווילנער און מינסקער „גרופע יִדישע סאָצ׳-דעמאָקראַטן״ אין די 90ער יאָרן, וואָס בילדן דעם צענטראַלן טייל; חוץ דעם ווערן דאָ געגעבן אין אַן איבערזעצונג: די ערשטע ווענדונג צו שאַפן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יִדיש פון דער זשענעווער גרופע אין 1880, די „פיר רעדעס פון די יִדישע אַרבייטער״ (צום ערשטן מאַי 1892), דער „בריוו צו די אַגיטאַטאָרן״ און דער „ווענדפונקט״, וואָס האָבן געשאַפן אַן עפּאָכע אין דער יִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין יענע פרילינגס-יאָרן. מיר גיבן אויך לאַווראָווס ווענדונגען צו די יִדישע אַרבעטער-עמיגראַנטן (רעדע און בריוו) און ב. פײַגנבוימס אַרײַנפיר צו זײַן בראָשור „דער סאָציאַליזמוס פון אַלף ביז תיו״, ווו ער גיט אַ באַגרינדונג פון יִדיש אַלס דער פּראָלעטאַרישער שפּראַך, און אויך זײַן קורצע הקדמה צום „גן-עדן התחתון״, וואָס איז טיפּיש פאַר דער ריכטונג, וואָס האָט זיך געוואָלט שטעלן קעגן דער „ווילנער״ און וואָס איז גאָר גיך אָפּגערוימט געוואָרן דורכן מאַסן-אימפּעט פון דער יִדישער אַרבייטער-באַוועגונג.

---

דער דאָזיקער אַרטיקל דאַרף דינען ווי אַן אַרײַנפיר צו די אומלעגאַלע שריפטן, וואָס מיר דרוקן איבער ווײַטער; אויף אים פאַררופן מיר זיך כסדר אין די הערות אונטערן טיטל „אַרײַנפיר-אַרטיקל צו די אומלעגאַלע בראָשורן״.

# די נאַראָדאָוואָלישע „אַרבייטער צייטונג״

(יאַנואַר 1881)

די „אַרבייטער צייטונג״ איז די ערשטע אומלעגאַלע סאָציאַליסטישע שריפט אין יידיש, אַרויס אין רוסלאַנד אין יאַנואַר 1881, העקטאָגראַפירט. באַקאַנט געוואָרן אין דער ליטעראַטור איז די דאָזיקע שריפט ערשט אין 43 יאָר אַרום — ביז דעמאָלט ווערט זי ערגעץ ניט דערמאָנט און אויך איצט איז ניט געראָטן אויסצוגעפינען קיין שום פּרטים ניט וועגן איר אויפקום און ניט וועגן אירע מחברים.

דער ערשטער, וואָס האָט מיטגעטיילט וועגן איר און זי גענוי באַשריבן, איז געווען דער פאָרשער פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ר. קאַנטאָר, וועלכער האָט אויך געבראַכט גרויסע ציטאַטן פון איר, אָבער — אין אַ רוסישער איבערזעצונג, און דערמיט שטאַרק פאַרקלענערט דעם ווערט פון זיין מיטטיילונג.[1] מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט א. קירזשניץ, אויפן סמך פון ר. קאַנטאָרס אַרטיקל, אויך געגעבן אַ קורצע באַשרייבונג פון דער צייטונג, און אָפּגעדרוקט איר טעקסט לויט אַ קאָפּיע פונעם אָריגינאַל, געמאַכט פון ד. מאַכלין.[2] אַ ביסל שפּעטער איז זי איבערגעדרוקט געוואָרן אין א. יודיצקיס בוך „נאַראָדאָוואָלצעס״.[3] די צייטונג האָט 6 זייטן טעקסט אין צוויי שפּאַלטן, שוואַך אָפּהעקטאָגראַפירט; די גרייס 25×21; דער נאָמען אויפן שער איז געמאַכט מיט געדרוקטע אותיות, אָבער געצייכנט מיט דער האַנט.

ווי ר. קאַנטאָר האָט שוין אין זיין אַרטיקל באַוויזן, טראָגט די „אַרבייטער צייטונג״ אַ ריין נאַראָדאָוואָלישן כאַראַקטער, הגם דער נאָמען „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ ווערט ערגעץ ניט דערמאָנט — ניט אין קעפּל און ניט אין טעקסט. דער גאַנצער אינהאַלט איז ניט מער, ווי אַן איבערזעצונג אָדער אַ באַאַרבעטונג, ערטערווייז אַ געקירצטע און אַמאָל פאַרקערט אַן אויספירלעכערע, פונעם ערשטן נומער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ״, וואָס די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ האָט אַרויסגעגעבן אין דעצעמבער 1880 פאַר אַרבעטער, אין רוסיש, אונטער דער רעדאַקציע פון א. זשעליאַבאָוו. ר. קאַנטאָר באַווייזט עס קלאָר, פאַרגלייכנדיק פּאַראַלעל די טעקסטן פון די ביידע צייטונגען (פונעם ערשטן לייטאַרטיקל און דעם אָנהייב פונעם צווייטן). יידישער מאַטעריאַל פעלט דאָ לגמרי און וועגן יידן ווערט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט, נאָר די לעצטע פראַזע צום סוף פון דער צייטונג דאַרף דינען ווי אַ מין רמז אויף די נאַציאָנאַלע באַציִונגען („ניט געקוקט ווער פון וועלכער רעליגיאָן״ אאַז״וו; זע ווייטער דעם טעקסט).

די דאַטע איז אָנגעגעבן: 15טן יאַנואַר 1881. דער אָרט, ווו די צייטונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, איז ניט קלאָר; הגם איבערן ערשטן לייטאַרטיקל שטייט: „פּעטערסבורג״, איז דאָס נאָך

---

1 אין ז״ב „Еврейская Летопись“ נר׳ 3 (פאַרל׳ „ראַדוגאַ״, לענינגראַד — מאָסקווע), 1924, ז׳ 197 — 204.

2 ז״ב Революционное движение среди евреев (מאָסקווע 1930), ז׳ 215—219; דעם זעלביקן יאָר האָט קירזשניץ אָפּגעדרוקט דעם טעקסט אין „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך״, ב׳ 1 („צענטראַרלאַג״), זע: דער אָנהייב פון דער סאָצ׳ פּרעסע אין יידיש אין רוסלאַנד. לײדער האָבן ניט ר. קאַנטאָר און ניט א. קירזשניץ ניט אָנגעוויזן, אין וואָסער אַרכיון געפינט זיך דער עקזעמפּלאַר פון דער צייטונג.

3 א. יודיצקי, „נאַראָדאָוואָלצעס״ („צענטראַרלאַג״, מאָסקווע 1932), ז׳ 197—202; זע אויך ז׳ 173-174.

קיין באַווייַז ניט;[4] זי האָט געקענט ווערן געמאַכט — און איז אפֿשר געוואָרן געמאַכט — גאָר אין אַן אַנדער אָרט. מיר הערן נאָר, אַז צוויי עקזעמפּלאַרן פֿון איר זייַנען געפֿונען געוואָרן אין גראָדנער גובערניע;[5] מער קיין אָנווייַזן האָבן מיר ניט. לחלוטין אומבאַקאַנט איז ביז איצט געבליבן, ווער האָט אונטערגענומען די אויסגאַבע און ווער איז געווען דער רעדאַקטאָר, ריכטיקער דער איבער־זעצער. קיין אָפֿיציעלע אויסגאַבע פֿון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ איז עס ניט געווען און אין דער גאַנצער נאַראָדאָוואָלישער ליטעראַטור ווערט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט ניט די צייַטונג גופֿא און ניט, אַז אַזאַ פּרוּוו איז געמאַכט געוואָרן; וועגן דעם קענען זיך אויך נ״ט דערמאָנען די אַלטע ייִדישע רעוואָלוציאָנערע טוערס און זייערע זכרונות.[6] מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ פּ־רוּוו אויף אייגענער אחריות פֿון עטלעכע יונגע ייִדן־נאַראָדאָוואָלצעס אין „תּחום“ אָדער אפֿשר טאַקע אין פּעטערבורג. די אַלע השערות, אַז צו דער אויסגאַבע האָט געקענט האָבן אַ שייַכות העסיע העלפֿמאַן, וואָס איז געווען די „בעל־הביתטע“ פֿון דע־ נאַראָדאָוואָלישער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר, ווו ס׳האָט זיך געדרוקט די „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ“, האָט אונטער זיך קיין יסוד ניט, און געוויס האָבן דערצו ניט געהאַט קיין שייַכות לייזער צוקערמאַן אָדער זונדעלעוויטש, מחמת צו יענער צייַט זייַנען זיי שוין ביידע געווען אַרעסטירט, און נאָך ווייניקער — די אַנדערע אין יענער צייַט באַקאַנטע ייִדן „נאַראָדאָוואָלצעס“.

אַז די צייַטונג האָט ניט געהאַט קיין ברייטע פֿאַרשפּרייטונג, קען מען דרינגען דערפֿון, וואָס ביז איצט איז קיין אַנדער עקזעמפּלאַר, חוץ דעם דערמאַנטן באַשריבענעם, אין ערגעץ ניט געפֿונען געוואָרן. חוץ דעם איז ניט באַקאַנט, אַז עס זאָלן האָבן זיך באַוויזן די ווייַטערדיקע נומערן. מען דאַרף דעריבער משער זייַן, אַז מער ווי דער איין נומער איז טאַקע ניט אַרויס, מחמת גאָר אין גיכן, דעם 1טן מערץ 1881, איז פֿאָרגעקומען דער אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II, נאָך וועלכן ס׳איז אַרייַנגעטראָטן אַ שווערע תּקופֿה פֿון חורבן אין די רעוואָלוציאָנערע רייען. די דאָזיקע פּובליקאַציע קען דעריבער ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע, נאָר ווי אַן א י י נ מ אָ ל י ק ע, ווי אַ מין פּראָקלאַמאַציע, באַשטימט פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן אין י י ִ ד י ש.

אָט אין דעם באַשטייט טאַקע דער גרויסער ווערט פֿון דער שריפֿט, וואָס איז געווען דער ערשטער פּרוּוו אויף דעם געביט, נאָך ליבערמאַנס פּרוּוון פֿון שריפֿטלעכער פּראָפּאַגאַנדע אין העברעיִש, וואָס זייַנען אויך געמאַכט געוואָרן ניט אין רוסלאַנד גופֿא, נייַערט אין אויסלאַנד. אין דער אומלעגאַלער ייִדישער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד איז דאָס דער ערשטער קאָנקרעטער שריט.[7] קיין שום קענטיקע שפּורן האָט ער ניט איבערגעלאָזט, אָבער אַליין פֿאַר זיך איז אָט דער ערשטער פּרוּוו אומגעהייַער וויכטיק. מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז די ווייַטערדיקע פּרוּוון זייַנען אונטערגענומען געוואָרן ערשט מיט אַ יאָר צען — און אפֿשר אַ ביסל מער — שפּעטער, בעת

---

4 ראשית, האָט דאָס געקענט געמאַכט ווערן כּדי אָפּצוצוויִען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פּאָליציי, והשנית האָט מען אויפֿן ערשטן לייטאַרטיקל וואָס טראָגט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער געקענט מיט אַ כּיוון שטעלן דעם נאָמען פֿון דער הויפּטשטאָט.

5 אַזוי ווערט אָנגעוויזן אין ק י ר ז ש נ י צ ע ס ציט׳ אַרטיקל, ז׳ 216; דער מקור איז ניט אָנגעגעבן, און מיר האָבן ספֿקות, צי זייַנען באמת פֿאַראַן צוויי עקזעמפּלאַרן: על כּל פּנים האָבן הן קאַנטאָר און הן קירזשניץ געהאַט פֿאַר זיך נאָר א י י ן עקזעמפּלאַר, ווי ס׳איז צו זען פֿון זייערע מיטטיילונגען.

6 אַזוי אַ שטייגער זאָגט עדות יעווגעניע (זשעניע) הורוויטש, אַז זי האָט קיין מאָל גאָר ניט געהערט פֿון אַזאַ מין צייַטונג און אין מיטן די 80ער יאָר אין מינסק איז דאָס געווען לגמרי אומבאַקאַנט; זע דעם ציט׳ ז״ב Рев. движение ז׳ 48. א. קירזשניץ זאָגט אַרויס די האָפֿענונג, אַז די „ייִדן־נאַראָדאָוואָלצעס ווי אַ שטייגער ל. דייַטש“, וועלן עפּעס קענען מיטטיילן וועגן דער צייַטונג (דאָרט, ז׳ 216), אָבער ער האָט געמעגט וויסן, אַז ל. דייַטש איז קיין מאָל ניט געווען קיין „נאַראָדאָוואָלעץ“ און חוץ דעם איז ער אין יענע יאָרן געווען אין אויסלאַנד.

7 פּ״גל וועגן דעם אינעם אַרייַנפֿיר־אַרטיקל צו די בראָשורן, טריִער.

עס האָט זיך אין ווילנע און מינסק אָנגעהויבן די פּיאָנירען-תקופה פֿון דער ייִדישער ארבעטער באוועגונג, אָרגאניזירט פֿון דער גרופּע, וואָס האָט זיך דערנאָך אָנגערופֿן מיטן נאָמען „די גרופּע ייִדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד״ און האָט גענומען ארויסלאָזן וּתחילת האַנטשריפֿטלעכע און העקטאָגראַפֿירטע און באַלד נאָך דעם אויך געדרוקטע בראָשורן און פּראָפּאַגאַנדע-מאַטעריאַל (זע דעם אריַינפֿיר-ארטיקל, פֿריִער). עס איז כדאַי אָנצוּווייַזן, אַז די שפּראַך פֿון דער „ארבייטער צייטונג״ איז אין אַלגעמיין אַ גוטע, אָן איבעריקע רוסיציזמען און דייַטשמעריזמען, מיט אַ סך אינעם אומגאַנג-ייִדיש אָנגענומענע העבּרעיִשע אויסדרוקן, און שטייט אין אַ געוויסן פּרט העכער פֿון די שפּעטערדיקע ערשטע ווילנער אָדער מינסקער אומלעגאַלע אויסגאַבעס.

מיר דרוקן דאָ איבער דעם פֿולן טעקסט פֿון דער „ארבייטער צייטונג״.[8] די ווערטער אין די עקיקע קלאַמערן האָבן מיר אריַינגעשטעלט, מחמת אינעם העקטאָגראַפֿירטן אָריגינאַל, באַזונדערס אויף דער ערשטער זיַיט, איז איינציקע ווערטער אוממעגלעך דורכצולייענען: מיר האָבן זיי רעסטאַווּרירט לויט דער משמעות פֿון טעקסט.

א. טש.

№ 1 — 15טען יאַנואַר 1881.

# אַרבייטער צייטונג

דעם 4 נאָוועמבער 1880 אום 8 דעם זייגער פריא זיַינען אויפגעהאנגען געוואָרען אין פּיאטראפּאוולאווסקין קריפּאסט סאציאליסטען - רעוואלוציאנערן (מענשען וואס אפּפערן זייער לעבען כדי צו פארבעסערן דאס פאלקס לאגע)[1] דווארייאנין א. קוויאטקאווסקי און ארבייטער א. פּרעסניאקאָוו.

פּעטערסבורג דען 15 יאנואר 1881.

פון איביג אן האבען דיא קייזערן נישט געליעבט קיין וואַרהייט און זיי האבען איהר מיט אללע קרעפטען געטריבען. געליעבט האבען זייא נאר חניפה און פאלש[קייט]. זיי האבען טויזענדער מענשען איבער געפיהרט ווער עס האט זיך איינגעשטעלט צו זאגען איין ווארט פון גערעכטיגקייט און פרייהייט. נאר עס האט זיך אבער זייא ניט איינגעגעבען צוא פערשטיקען דיא וואַרהייט אין מענשליכע הערצער. [זיי האבן] די מענשען געדריקט און געשטיקט מיט אלערלייא [מיטלען] און דער ווארט פון וואַרהייט און פרייהייט [איז וואס ווייטער] אלץ גרעסער און שטארקער [געווארן, אזוי אז די] קייזערן מיט זייערע גאנצע באנדעס [פון פאליציי?] זיינען ניט אין שטאנד איין [האלטן און פארניכטן די?] גערעכטיגקייט, וועלכע שטעכט זייא דיא אויגען.

אט אין דעם בעשטייט אונזער ארבייטער צייטונג, דיא ציל פון וועלכער איז צוא עפענען דיא אויגען פון ארעמען אונגליקליכען נאראד[2] און ווייזען איהם, אז [דער וועג] פון וואַרהייט און גליק, וועלכער עס וועט באפרייען דעם נאראד און זיינע שפּעטערדיגע דורות פון שקלאווערייא, ארעמקייט, [צרות] און ליידען [איז דער ריכטיקער וועג?].

---

8 אין דעם פֿאַל טרעטן מיר אָפּ, ווי אַ יוצא מן הכּלל, פֿון אונדזער פּרינציפּ ניט איבערצודרוקן פֿון פֿרעמדע אויסגאַבעס. אָבער דער פֿולער ייִדישער טעקסט ווערט געבראַכט נאָר אין דעם ציטירטן ארטיקל פֿון אַ. קירזשניץ אין דעם „ביבליאָלאָגישן זאַמלבוך״ ב׳ 1 און איז פֿון דאָרטן איבערגעדרוקט אין יודיצקיס בוך „נאַראָדאָוואָלצעס״.

1 די דערקלערונגען אין די קלאַמערן פֿעלן אינעם רוסישן טעקסט פֿון דער „ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ״ און זיַינען אריַינגעשטעלט אין דער „אַרבייטער צייטונג״ ספּעציעל פֿאַרן ייִדישן לייענער. רעד׳.

2 פֿאָלק.

צוא בעגרייפען אונזער ציל האבען מיר [ארויסגעשטעלט די פאדערונגען] וועלכע וועלין ווייטער ארום גערעט ווערן.

1) ניט קיין קייזער נאר דער נאראד [זעלבסט] דארף זיין דער פיהרער פון דער לאנד, דארום מוז דיא רעגיערונג זיין צו בראָכען און דיא פיהרונג דארף איבערגעגעבען ווערען צוא דיא מענשען וואס דער נאראד וועט ארויסקלייבן אויף איין דאטא.[3]

2) דיא ערד דארף זיין דעם נאראדס, דאס הייסט דאס דיא ערד טאר ניט געהערין צוא איינעם אסאך און דער אנדערער זאל פערמעד זיין פון איהר און שטארבען פון הונגער. ניין! יעדער מענש מעג זיך נעהמען א שטיקעל ערד, וויאפיל זיינע קרעפטען זיינען אין שטאנד אויסצוארבייטען און דאס קען ער בעזיצען.

פיעללייכט וועט איר מיינען אז עס וועט ניט סטייען קיין ערד? ניין, מיינט דאס ניט, דען עס איז אויסגערעכענט געווארען אז פון דיא גאנצע ערד וואס געפינט זיך אונטער רוסלאנד, איז נאר איין פינפטער טהייל געהערט צוא בוירען[4] און 4 טהיילען האט פראוויטעלסטוואָ[5] מיט זיינע פאמיעשציקעס אוועקגערויבט פון נאראד. קענט איהר שוין אליין פערשטיין.

3) אלערהאנט פאבריקען און זאוואָדען דארפען געהערען דעם נאראד, דאס האייסט אז ניט איין מענש זאל אויפ[קלייבן!] הונדערטער טויזענדער ארבייטער און אללע זאלען אויף איהם ארבייטען און מיט אלעמענס שווייס און בלוט זאל זיך איינער אנפרעסען און לעבען אין וואהלזיין און רייכקייט, האלטענדיג דעם קנוט פון הונגער איבער דיא פלייצעס פון ארבייטער. ניין ניטא קיין פריצים! דיא פאבריקען און דיא הויפען וואס פאבריקאנטען האבען איז דאס אלץ פון ארבייטערס שווייס און בלוט! ניין, ניט אזוי דארף זיין! יעדער מענש דארף ארבייטען.

4) צוא בעהיטען דיא פרייהייט און וואהלזיין פון דער לאנד דארף מען ניט האבען קיין זעלנערייא, דען אז דער נאראד וועט זיין פרייא און וועט ניט לײדען קיין נויט וועט איהם דאס פאטערלאנד זייער ליעב זיין און ער אליין וועט איהר בעשיצען. מיט דעם וועט מען איינבריינגען אז מיליאנען מענשען וועלין זייערע יונגע יאהרען ניט איבערפיהרען אין צרות אונטער דיא ארעסטאנטן[6] פון אפיצירען און פעלדפעבעלס און פון דער סלוזשבע[7] פארארעמט ווערן. אויך בערעכענט נאר וויפיעל הונדערטער מיליאנען גייען אוועק אפין טייוול, וואס מיא דארף דאס גאר ניט, און וואו נעמט מען דיא געלד ווען ניט פון ארעמען ארבייטער, פון ארעמען נאראד? בייא אזא איינפיהרונג נאך אונזער מיינונג וואלט דער נאראד געווען פרייא און גליקליך, נאר בייא אונז אלץ פערקערט: דער קייזער איז דער גאנצער פיהרער און דער נאראד איז גארניט. אנשטאט וואס דארפען זיין אויסגעקליבענע פון נאראד זיינען פיהרערס דעם קייסערס ציגאווניקעס[8] וואס שטייען מיט קנוטען איבער דיא קעפ פון נאראד און רייסען ארויס פון איהם זיין לעצטע בלוטיגע קאפייקע. אויף יעדער מענשען ליעגט שטענדיג א מורה א ציטערניש, ווי יעדער טאג שטייט פיר איהם פארטיג אסטראג, קאטערשנע סיביר... אז א פאבריקאנט וויל רייסען דעם ארבעטער דעם ליין און דער ארבייטער לאזט זיך ניט, וואס איז זיין ערשטער וואָרט? איר וועט בייא מיר גיין אין אסטראג, אין סיביר! און דער ארעמער אונגליקליכער ארבייטער מוז שווייגען, דען ער ווייס אז דער סטראשונעק קען גרייליך מקוים ווערען, און ווען אפילו דער ארבייטער בעשליסט זיך שוין שטארבען בעסער אין הונגער אביא פאר אזא קליינעם לוין ניט צוא ארבייטען און ניט אוועק לייגען אומזיסט זיינע לעצטע קרעפטען און בלוט, און דער פאבריקאנט זעהט אז ער קען ניט ארויספיהרען וואס טהוט ער? קויפט ער אונטער דעם ציגאווניק און מיט סאלדאטען ווערין [די ארבעטער] געבאך געטרייט צו גיין אין זייער שלאבט. פראוויטעלסטווא העלפט דעם פאבריקאנט און דער פאבריקאנט העלפט אונטער פראוויטעלסטווא. אזוי פיהרט זיך בא אונז! ווער עס ארבייטעט לעבט אין אָרעמקייט אין צרות און שקלאווערייא און ווער עס ארבייט ניט לעבט אין פערגעניגען, אין ווילטאג און כבוד!..

מיליאנען סאלדאטען האלט מען אויף און מיא קארמעט זייא מיט אייער שווייס, מיט אייער בלוט, צוא וואס האלט מען זייא? פאר

[3] דאטע, טערמין. [4] פויערן. [5] רעגירונג. [6] בײטשן. [7] דינסט, געמיינט: מיליטער-דינסט. [8] באאמטע.

אייך זעלבסט, מיא זאל קענען אייך זעלבסט דיא קאפּ אראפּדרייען! טאמער וועט דער געדריקטער נאראד וועלין דיא קאפּ אויפהויבען, טאמער וועלין זיך געפינען מענשען וואס קענען ניט אנזעהן דיא אלע פערברעכען און וועלין וויזען עפּעס א וועג זאל מען זיי קענען שיסען, אויפהייננגען, אויף קאטארשנע אוועק שיקען, אזוי וויא מיר זעהען דאס שוין אלע טאג.

און דוא אָרעמער ארבייטער, דיר האט מען אנגעטאהן א מאסקע אויף דיינע אויגען, דוא זעהסט ניט ווער איז דיין שונא און ווער איז דיין גוטער פריינד. דוא שטייסט פון וויטען און העלפסט גאר ניט דיין ברודער וועלכער לאזט זיך שיסען און הייננגען צוא ליב דיר. נאר ביז וויאלאנג וועסט דוא אזוי שווייגען? ביז וויאלאנג וועסט דוא זיין אזוי א אָרעמער קנעכט? ביז וויאלאנג וועסט דו נאך אנשטעלין דיינע זייטען, דאס דער קופּעץ,[9] דער פאבריקאנט זאל זייגען פון איין זייט און פראוויטעלסטווא מיט זיין לעגיאָן פון דער אנדערער זייט?

יע, דוא ארעמער ארבייטער, דוא האסט גאר דיין האפּענונג פערלארען, דוא האסט גאר פערגעסין אז דיא גאנצע רייכטונג פון דער וועלט איז דיינע, דאס נאר דו בעשאפסט זיא אויף דער וועלט, דוא האסט גאר פערגעסין, אז דער ארבייטער קאָן זיין גאנץ גליקליך ווען ער זאל אראבווארפען פון זיך דיא קייטען וועלכע מיה האט איהם אויף די הענט אויפגעהאנגען, אז ער האט פראווע און איז אין שטאנד צובראכען זייא, ווען אלע זאלען האלטען איינער פיר דעם אנדערן שטאל און אייזען. נאר איך פערשטייא, דוא האסט מורא, דוא האסט מורא פארין קייסער מיט דיא סאלדאטען? אבער האסט דוא ווידער פערגעסין, אז דער סאלדאט איז אויך דיינער א ברודער, ווארעם ער ליידעט ניט וויינעגער וויא דוא, און אז דוא וועסט אים עפענען דיא אויגען, וועט ער אויך איבערגיין אויף דיין זייט.

אזוי אונזער ליעבער ברודער, צורייס פון זיך די קייטען אין וועלכע מען האט דיך פערשמידט דיינע הענט מיט דיא פיס. גייא, עפין אויף די אויגען דיינע ברידער, ווייז זייא דעם גרונד פאר וואס זייא זיינען אומגליקליך, ווייז זייא אז עס איז דא א וועג וואס וועט אייך מיט אייערע קינדס קינדער אויסקויפען פון קנעכטשאפט, פון ארעמקייט, אייערע קינדער וועלין ניט דארפען שטארבען מיט הונגער טויט, וויא מיא שטארבט היינט...

גייא! זאל דיר דיין מויל ניט שווייגען ווא עס ווערט פערגאסען אונשולדיג בלוט, גייא, ווער ניט שוואך אין דיין שטרייט, האב ניט קיין מורא; וואס דוא וועסט זיך מעהר סטארען, וועט אויף דיין זייט שטארקער ווערין, און דער שונא וועט פאלען בייא דיר אונטער דיא פיס. און ווען אפילו דוא וועסט אריין פאלען צום שונא, וועסטו אלץ וויסען, אז דוא שטארבסט מיטין שווערד פון וואהרהייט און פרייהייט אין די הענט פאר דיינע ברידער און קינדער. דיינע קינדס קינדער וועלין דיר האבען צו דערמאנען אויף אייביג, אז דוא האסט אוועקגילייגט דיין לעבען פיר פרייהייט און וואהרהייט.

## פאן ארבייטערס לעבען.

עסאיז געווען א צייט ווען אויף דיא פעלדער און וועלדער און טייכען איז גיווען איין ווירט דער נאראד. נישט קיין קייזערן מיט זייערע צינאווניקעס, ניט קיין פאמיעשציקעס ניט קיין פאבריקאנטען מיט קופּצעס האט דער נאראד ניט געקאנט. ער זעלבסט האט באשיצט און געפיהרט די לאנד. ער האט ניט געדארפט קיין סאלדאטען עס זאָל אבקאסטען מיליאנען געלד, ער האט זיך אליין ארויסגעגעבען זאקאנען,[10] יעדער האט זיך געהאקערט, געארבייטעט, געפיהרט געשעפטען אָן פארוועהרונג, אן אבצאהלונג, מיא האָט נאר גיקוקט איינער דעם אנדערן זאל קיין שלעכץ ניט שאפן, יעדער זאל לעבען אויף דער וועלט. אזוי איז גיוועזען די פיהרונג.

פון דיעזער צייט אָן איז ... גרוויסטעט געווארען אונזער וועלט. דיא פעלדער, דיא וועלדער, דיא טייכען זיינען פערקויפט, איינער פערשפרייט זיך איבער הונדערטער מאָרגעס ערד, קיינער זאל דארט ניט ארויף טרעטען, איינער נעהמט צו גאנצע וועלדער, קיינער טאר קיין שטיקעל האלץ ניט אנרירען, איינער

---

[9] דער סוחר, דער גרויסהענדלער, [10] געזעצן.

קויפט אב גאַנצע טייכען, קיינער טאר קיין פישעל ניט פאַנגען, איינער פערשפרייט זיך מיט גאַנצע מוירען, דער אנדערער האט ניט יִדאר א קליין שטיבעלע צו שטעלען. דיא צייט ווערט וואס א טאג ערגער, וואָס א טאג ווערט מעהר הונגער, מעהר נויט, מער קראנקהייטען אויף דער וועלט, יעדער מענש וואַרפט זיך וויא א פיש אין וואסער, יעדער מענש הארעוועט ביז איבער די קרעפטען. אין ראק עס איז ווייניג... פערפאַלען גיוואָרען דיא פריוילעגע צייטען!... נאר א פינסטערער טומאן[11] פערדעקט יעדער מענשען די אויגען, מיא זעהט נאר ארום שוי־מענדיג אויסגעדאַרטע לעבעדיגע טרופּעס.[12] עס בלישצען נאָך ארויס די אויגען פון אונטער דיא ברעמען... פערפאַלען גיוואָרען פריינדשאפט צוואווישען מענשען, א ברודער א ברודער פערקויפט, א מוטער א טאכטער פערקויפט, א פאטער איז ניט צופרידען אז עס קומט צוא א קינד אין זיין געזינד... מיט איין ווארט דיא וועלט איז פוסט, דיא וועלט איז טויט... נאר וויא קען זיין גוטעס אויף דער וועלט אז וואס מיא רייסט ארויס ביין הונט פון דיא ציין, חאפּט צו דער וואלף? אז די פערהארעוועטע קאפּייקע וואס דער קופּיעץ גיט כדי דעם ארבייטער זאל נאך סטייען קרעפטען צוא הארעווען אויף איהם, נעמט דאס צו פּראוויטעלסטווא?

בייא יעדער מענשען ציילט מען נאָר וויפיעל קאפּייקעס ליגט נאך בייא איהם אין קעשענע. בייא יעדער מענשען זיינען פערשלאָסען די הענט, ער טאר קיין זאך ניט טאהן וואו ער זאל ניט אבצאהלען צעהן מאל אזוי פיעל וויפיעל די ארבייט איז ווערט. און אלץ מיטין זאקאָן,[13] דער קופּעץ מיטין זאקאָן, דער פאבריקאנט מיטין זאקאָן, דער צינאָווניק מיטין אוקאַז... און אונזער דוחאָווניקעס[14] שטייען אויך ניט פון ווייטען, זיי שטייען נאר און ווייזען אָן דעם נאראָר אויפען הימעל דיא אייזערנע ריטער, זייא זעהן נאר איינבילדען דעם מענשען אז פאר איִם איז אנגעגרייט דער גהנם מיט קאפּיקאל[15] אויף יעדער טריט. זייא זעהן נאר צונעהמען דעם מוטה פון מענשען, אז ער זאל זיך גאר ניט ארום זעהן וואו ער איז אין דער וועלט, אז זיינע גאנצע דאגות זאָלן זיין נאר וועגען יענער וועלט און דער ווייל זאל מען קענען צאַפּען פון איהם דיא בלוט. מיט איין ווארט, נאך זייער רעכענונג נאך מוז דער ארעמער ארבייטער וועלכער פערדינט זיין שטיק ברויט מיט בלוטיגען שווייס, אויף דער וועלט שנאַרבען פון הונגער און אויף פערבייסענס אויף יענער וועלט פארפוילן ווערען אין גהנם.

אזוי ווערט דאס פאראָרעמט אונזער נאראָד, אזוי ווערט ער דאס אָן זיין דרייסטיגקייט, אז אפילו אמאל א פאלשקייט שטעכט איהם דורך דיא הארץ און קעהרט איהם איבער דיא בלוט, האָט ער גאר ניט קיין מוהט צו געבען אפילו א געשריי אוי!

און איהר, אָרעמע שעפּסען, איהר בעמערקט גאָר ניט וואס פאר א ראלעס מיא שפּיעלט אויף אייער אייך, איהר זייט שוין אזוי צוגעהנט[16] צו אייערע צרות, אז איהר גייט נאר גאנצענע טעג ארום דיא קאפּ אין דער ערד, דער קארג איז אנגישטעלט צום קנוט ריכטיג וויא דער פערד צום בייטש און איהר הייבט גאר ניט אויף די אויגען קיין מאהל זעהען וויא פאר אייך גייט א שטרייט מיט פּראוויטעלסטווא. איר זעהט גאר ניט וויא אייערע בעסטע גוטע פריינד, אייערע קינדער שלאָגען זיך פיר וואָרהייט און פרייהייט!

נאר מיר דיינקען אז דיא אייזערנע קייטען וועלין אין גיכען אראבפאלן פון אונז, מיר דיינקען אז דער נאראָד וועט ניט אייביג אזויא שווייגען און דיא אלע מענשען וואס וועלען ניט שטארבען פון הונגער און נויט און זייערע קינדער לאזין אין קנעכט, וועלין ארויסגיין צו אונז און דאן וועלין מיר אלע פון אונזערע אלע היינטיגע מכות פּטור ווערען, וואָרעם דער שווערד פון אמת מוז צוא ברעכען אונזערע שונאים חאָץ זיי בעהאלטען זיך אונטער דיא פלייצעס פון דיא טשערקעסין, נאר זיי וועלען פון אונז ניט אנטלויפען!... א טויט וועט זיין דעם וואס וועט אונז פערשטעלין דיא וועג!...

בייא אונז איז אזוי:

ניט קוקענדיק וועך פון וועלכער רעליגיאָן און פון וועלכער פאלק איז גיבען מיר זיך איינער דעם אנדערן דיא הענד און אונזער דעוויז איז:

איינער פיר אללע און אללע פיר איינעם!

11 נעפּל. 12 געמיינט—מתים. 13 געזעץ. 14 גײַסטלעכע. 15 כּף־הקלע. 16 לײַען: צוגעוווינט.

# פיר רעדעס פון יידישע אַרבעטער

## אויף דער מאַי-פייערונג 1892 אין ווילנע

די פיר רעדעס זעצן מיר איבער פון דער אומלעגאַלער רוסישער בראָשור, וואָס האָט דערשיִינט אין 1893 אין זשענעווע: Первое Мая 1892 года. Четыре рѣчи еврейскихъ рабочихъ. Типографія „Соціалдемократической библіотеки“. די רעדעס פאַרנעמען אין דער בראָשור 27 זייטן; אויסער דעם קומט אַ הקדמה פון 25 ז׳. זי איז פון קיינעם ניט געחתמעט, אָבער ס׳איז באַקאַנט, אַז איר מחבר איז געווען לעוו יאָגיכעס (גראָזאָווסקי, טישקאָ), דער אַרויסגעבער פון דער בראָשור, און באַטייליקט האָט זיך דערביי אויך ראָזאַ לוקסעמבורג. אין דער הקדמה ווערט קורץ אָנגעוויזן אויף דעם באַטייט פון דער ערשטער מאַי-פייערונג צווישן די יידישע אַרבעטער און אויך די מאָטיוון פון די רדיפות אויף יידן מצד דער רוסישער רעגירונג און דער עיקר—אויף דער וויכטיקייט פון פּאָליטישן קאַמף קעגן דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט און דעם באַטייט פון 1טן מאַי אַלס פּראָלעטאַרישער יום-טוב בכלל.

די רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין ווילנע דעם 1טן מאַי 1892 אויף אַ פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 100 מאַן פון די מער באַוווסטזיניקע און אַקטיווע אַרבעטער; פון די אינטעליגענטן זיינען געווען נאָר אַרקאַדי קרעמער און דזשאָן מילל. די פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין זורערינעצער וואַלד, הינטער דער שטאָט.

די צוויי ערשטע רעדעס—פון די אַרבעטערינס—האָבן געהאַלטן:

פאַניע לעווין—רעזניק, אַ שניידערין (איר מאַן, עקיבאַ רעזניק, איז געווען אַ לערער), געשטאָרבן 1896 אין בריסק, און יעלענע גאָלדפאַנד—דרוסקין, אויך אַ שניידערין (איר מאַן איז געווען שפּעטער אַ דאָקטאָר), וואָס וווינט איצט אין לענינגראַד. ביידע רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין רוסיש.

די דריטע רעדע געהער דעם יוועליר מאָטל מייזל און איז געהאַלטן געוואָרן אין יידיש; דער יידישער אָריגינאַל האָט זיך ניט אויפגעהיט, און דאָ ווערט די רעדע צוריק איבערגעזעצט אין יידיש פון דער רוס׳ איבערזעצונג. מאָטל מייזל וווינט איצט אין ארץ-ישראל.

די פערטע רעדע געהער ראובן גערשאָווסקין („יאַקאָוו“), אַ קאַמאַשן-מאַכער, איצט אַ ציינדאָקטאָר אין ווילנע; זי איז געהאַלטן געוואָרן אין רוסיש.

די מאַי-פייערונג פון 1892 אין ווילנע איז געווען די ערשטע צווישן די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד און פּוילן.

רעדאַקציע

## I. די רעדע פֿון אַן אַרבעטערין*)

מײַנע הערן! מיר פֿײַערן הײַנט דעם 1טן מאַי. דער דאָזיקער טאָג איז פֿאַר אונדז ניט דאָס, וואָס די געוויינטלעך אײַנגעפֿירטע ימים־טובֿים: יענע זײַנען ימים־טובֿים נאָר פֿאַר גבֿירים, וואָס זיי אינטערעסירט ניט, צי האָבן יום־טובֿ אויך זייערע אָרעמע ברידער. פֿאַר אונדז האָט דער טאָג גאָר אַן אַנדער באַטײַט; הגם ער איז ניט קיין יום־טובֿ־טאָג, וואַרפֿן אַוועק אין דעם טאָג די אַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע לענדער און פֿאַרשיידענע פּראָפֿעסיעס זייער אַרבעט און פֿאַראייניקן זיך פֿאַר אַ בשותּפֿותדיקער פֿײַערונג. אין יאָר 1890 זײַנען צו דער פֿײַערונג צוגעשטאַנען אונדזערע אַרבעטער אין וואַרשע. דער אַלגעמיינער פֿאָלקס־כאַראַקטער פֿון דעם אַרבעטער־יום־טובֿ פֿון 1טן מאַי באַווײַזט אונדז, אַז דאָס רובֿ אַרבעטער האָבן פֿאַרשטאַנען זייערע אינטערעסן, אַז זיי אָרגאַניזירן און פֿאַראייניקן זיך צוליב איין אַלגעמיינעם ציל, ניט געקוקט אויף דעם אונטערשייד פֿון פּראָפֿעסיעס און נאַציעס. אָבער, צום באַדויערן, האָבן די אַרבעטער אין אונדזער שטאָט און אין אַ סך אַנדערע שטעט פֿון רוסלאַנד ביז איצט ניט גענומען קיין אָנטייל אין דעם דאָזיקן ביז גאָר פֿײַערלעכן יום־טובֿ. לאָמיר־זשע, פֿרײַנד, זען אויך צו פֿאַרברענגען דעם טאָג ווי ווײַט מעגלעך בעסער און מיט וואָס מער נוצן.

הײַנט האָבן מיר זיך פֿאַרזאַמלט אין איינעם צוליב דעם, כּדי דורכצושמועסן זיך וועגן אונדזער טרויעריקן מצבֿ און צו באַקלערן וואָס דאַרף מען אונטערנעמען, בכדי די לאַגע ווי ווײַט מעגלעך צו פֿאַרבעסערן. אין קיין לאַנד איז די לאַגע פֿון די אַרבעטער ניט אַזאַ שרעקלעכע, ווי בײַ אונדז אין רוסלאַנד. אונדזערע בעלי־בתּים צווינגען אונדז צו אַרבעטן טאָג און נאַכט; זיי האַלטן אונדז ניט פֿאַר קיין מענטשן, נאָר פֿאַר חיות [בהמות]; מען אונטערדריקט אונדז און מען רודפֿט אונדז אויף שריט און טריט... דאָס האַרץ ווערט צעריסן זעענדיק, ווי דער אַרבעטער בעט בײַם בעל־הבית זײַן שכירות, ווי ער ציטערט פֿאַר אים, אַזוי ווי ער וואָלט געבעטן אַ נדבֿה און ניט מיט בלוט פֿאַר־דינט זײַן געלט... שוין זשע האָבן מיר ניט דאָס רעכט צו לעבן און געניסן פֿון לעבן, ווי אונדזערע בעלי־בתּים? פֿאַר וואָס קומט עס אונדז אַלץ? שוין זשע דערפֿאַר, וואָס מיר דערנערן זיי פֿון אונדזער פּראַצע? שוין זשע דערפֿאַר, וואָס זיי לעבן פֿון אונדזער שווייס און בלוט?

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. אונדזערע האַרן דאַרף מען דאָך נאָך שיצן פֿון די אויסנווייניקסטע און אינעווייניקסטע שונאים, און אָט, ברידער, דערוואַרט אײַך שוין די סאָלדאַטשינע. דאָרטן סטאַרעט מען זיך אַרויסצוטרײַבן פֿון אײַך אַלץ, וואָס איז מענטשלעך, מאַכן אײַך פֿאַר אויטאָמאַטן, וואָס דאַרפֿן בלינד אויספֿירן אַלע אומגעלומ־פּערטע באַפֿעלן פֿון די קאָמאַנדירן. אָט די סאָלדאַטשינע נעמט אַוועק די בעסטע יאָרן פֿון אײַער לעבן, נעמט בײַ אײַך צו אַלע כּוחות, די גאַנצע ענערגיע, און דערנאָך, אויסגעמוטשעטע און אַפּאַטישע צום אייגענעם לעבן און צום אַרומיקן, וואַרפֿט מען אײַך אַרויס אויף הפֿקר. אָבער דאָס איז נאָך ווייניק. עס טרעפֿט, אײַערע ברידער־אַרבעטער שטעלן אַרויס זייערע גערעכטע פֿאָדערונגען—צווינגט מען אײַך צו אונטערדריקן און אַפֿילו צו הרגענען אײַערע אייגענע ברידער. אַזאַ לאַגע איז דוכט זיך גענוג טרויעריק. יאָ, דער כּוס (פֿון לײַדן) איז איבערפֿולט — ווײַטער קען אַזוי ניט בלײַבן. אונדזער הכנעהדיקייט און אונדזער שווײַגן וועלן צו גאָרנישט ברענגען—אויף אַ פֿרידלעכן וועג וועלן מיר גאָרנישט מאַכן. מיר מוזן מיט אונדזערע שונאים קעמפֿן. עס פֿאַרשטייט זיך

---

*) די רעדעס, וואָס מיר דרוקן, זײַנען געהאַלטן געוואָרן אין איינעם פֿון די גרויסע צענטערס אין רוסלאַנד אויף אַן אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז באַשטאַנען פֿון הונדערט מענטשן (הערה פֿון אַרויסגעבער פֿון דער בראָשור). [דאָ ווערט געמיינט ווילנע. די רעדע איז געהאַלטן געוואָרן אין רוסיש; זע אויבן אונדזער אַרײַנפֿיר־נאָטיץ. — רעד׳].

אָבער, אַז יעדער מענטש דאַרף אָפּשאַצן זײַנע כּוחות און דאַרף זיך ניט נעמען פֿאַר דאָס, וואָס ער איז ניט ביכולת אויסצופירן. מיר ווייסן גוט, אַז איבערמאַכן אַלץ מיט איין מאָל איז אוממעגלעך; דעריבער דאַרפֿן מיר דערווײַל קעמפֿן מיט אונדזערע נאָענטסטע שונאים, וואָס מיט זיי טרעפֿן מיר זיך יעדן טאָג, הײַנו—מיט אונדזערע בעלי-בתּים.

דער ערשטער תּנאַי פֿאַרן ערפֿאָלג פֿון קאַמף דאַרף זײַן – די פֿולע סאָלידאַרישקײַט צווישן אַלע אַרבעטער: די אינטערעסן פֿון יחיד דאַרפֿן זײַן די אינטערעסן פֿון אַלעמען — און פֿאַרקערט. בכדי מיר זאָלן ניט זײַן אַזוי אָפּגעריסן איינער פֿון דעם אַנדערן, בכדי זיך צו פֿאַראייניקן דאַרפֿן מיר אָפּט צונויפֿרופֿן „סכאָדקעס", פֿאַרזאַמלונגען פֿון אַרבעטער. אַלע דאַרפֿן זען צו גרינדן „קאַסעס" און זאָרגן וועגן דעם, אַז זיי זאָלן זיך פֿאַרשפּרייטן. מיר דאַרפֿן אָרגאַניזירן שטרײַקן. אָט צוליב די שטרײַקן דאַרפֿן מיר טאָקע האָבן די „קאַסעס", וואָס זײַנען אין אַזאַ צײַט די איינציקע שטיצע.

אָבער – אָרגאַניזירן אַ שטרײַק! אַליין דאָס וואָרט וואַרפֿט אויף אונדז אָן אַ שרעק. מיר קענען דאָך צוליב דעם אין גאַנצן פֿאַרלירן די שטעלע! יאָ, פֿרײַנד, איך פֿיל און פֿאַרשטיי עס זייער גוט. איך ווייס, וואָס עס באַטײַט פֿאַר אונדזער ברודער-אַרבעטער צו פֿאַרלירן די אַרבעט; פֿון זײַנע פֿאַרדינסטן קען ער דאָך ניט אָפּשפּאָרן אויפֿן מאָרגנדיקן טאָג. אָבער צי זײַנען דען איצט אויך ניט פֿאַראַן קײַן איבעריקע אַרבעטער? צי פֿעלן דען איצט מענטשן, וואָס זײַנען אַרבעטלאָז און שטאַרבן פֿון הונגער אין איינעם מיט זייערע פֿאַמיליעס? פֿאַר וואָס איז עס אַזוי איצט? איצט, ווען מיר טראָגן אַריבער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט הכנעה אַלע קלעפּ און רדיפֿות פֿון אונדזער שונא? און אָט פֿאַר וואָס.

דער אַרבעטער, אָנשטאָט צו אַרבעטן 12 שעה אַ טאָג, ווי עס איז פֿעסטגעשטעלט לויטן געזעץ, אַרבעט ער צו 15 און 17 שעה. ער אַרבעט בכן כּמעט פֿאַר צוויי. און באמת, דער בעל-הבית, אָנשטאָט צו האַלטן 10 אַרבעטער, באַנוגנט זיך נאָר מיט 6. וואָס זשע בלײַבט צו טאָן די איבעריקע 4 אַרבעטער? און וואָס אייגנטלעך געווינען מיר דערפֿון?..

מײַנע הערן! צי וואָלט ניט בעסער געווען, ווען מיר זאָלן די כּוחות, וואָס מיר געבן איצט אָפּ אויף צו פֿאַרגרעסערן די קאַפּיטאַלן פֿון אונדזערע בלוטזייגערס, אָנווענדן אויף צו פֿאַרבעסערן אונדזער מצבֿ? צי וואָלט ניט בעסער געווען, ווען מיר זאָלן די איבעריקע צײַט, וואָס מיר פֿאַרלירן איצט בײַ דער אַרבעט, אויסנוצן פֿאַר גײַסטיקער אַנטוויקלונג, צו פֿאַרטרײַבן אַ ביסל יענע פֿינצטערניש, וואָס הערשט אין אונדזער סבֿיבֿה? איך מיין, אַז אַלע אַרבעטער פֿאַרשטייען שוין, אַז מיר האָבן ניט אויף וועמען זיך צו פֿאַרלאָזן, ווי נאָר אויף זיך אַליין. די אַרבעטער – און נאָר די אַרבעטער — קענען פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿונעם אַרבעטער-קלאַס. דאָס האָבן אונדז באַוויזן אונדזערע ברידער-אַרבעטער אין אויסלאַנד. מיר זעען, אַז אַלע מענטשן האָבן זיך צעטיילט אין צוויי פֿײַנדלעכע קלאַסן: דעם קלאַס פֿון גבֿירים-עקספּלואַטאַטאָרס און דעם קלאַס פֿון אומגליקלעכע אַרבעטער, און אַז די ערשטע זײַנען אונדזערע בלוטיקסטע שונאים. אָבער זיי, דאָס דאָזיקע קליינע הײַפֿל גבֿירים, איז נישטיק קליין אין פֿאַרגלײַך מיט דער מאַסע אָרעמע מענטשן. מיר קענען זיי לײַכט באַזיגן, אויב נאָר אַלע אַרבעטער וועלן פֿאַרשטיין זייערע אינטערעסן און וועלן אָנטייל נעמען אינעם קאַמף. מיר טאָרן ניט אָפּהענטיק ווערן בײַם ערשטן ניט-געראָטענעם שריט. מיר דאַרפֿן שטרעבן צו אונדזער ציל ביזן סוף פֿון לעבן. מיר דאַרפֿן זיך ניט פֿילן איינזאַם. ווײַל אַפֿילו אין אויסלאַנד האָבן מיר אַ סך חבֿרים, וואָס זײַנען צו יעדער צײַט גרייט צו קומען אונדז צו הילף. מיר קענען דעריבער זיכער זײַן, אַז מיר וועלן אַרויס די זיגער, מחמת דער כּוח איז אויף אונדזער זײַט.

לאָמיר זשע, ברידער און שוועסטער, פֿאַראייניקן זיך און לאָמיר מיט בשותּפותדיקע כּוחות קעמפֿן מיט אונדזערע שונאים פֿאַר אונדזער פֿרײַהייט! לעבן זאָלן די אַרבעטער! לעבן זאָל די פֿרײַהייט!

## II. די רעדע פֿון אַן אַרבעטערין[1]

מײַנע הערן! מיר האָבן זיך הײַנט פֿאַרזאַמלט צו פֿײַערן דעם 1טן מאַי. אין מערבֿ-אייראָפּע ווערט דער דאָזיקער טאָג שוין לאַנג געפֿײַערט פֿון די אַרבעטער און ווערט יעדער מאָל באַגלייט מיט גרויסע מאַניפֿעסטאַציעס. מיר דאַרפֿן בײַ זיך ניט אָראָפּפֿאַלן, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג איז בײַ אונדז ניט אַזוי שטאַרק, ווי אין מערבֿ [אייראָפּע]: בײַ אונדז איז עס דאָך נאָך אַ נײַע זאַך. ווי באַלד די אַרבעטער-באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן, וועט זי שוין גיין מיט גיכע טריט פֿאָרויס. אַזוי איז געווען אין מערבֿ-אייראָפּע, אַזוי האַלט עס אויך בײַ אונדז. לאָמיר אַ שטייגער נעמען אונדזער שטאָט*) .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס זײַנען אונדזערע וויכטיקסטע אויפֿגאַבעס (אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער), און מיר מוזן צוזאַמען אָנווענדן אַלע אונדזערע כּוחות כּדי צו דערגרייכן אונדזער הייליקן ציל — די פֿולע באַפֿרײַונג פֿון אַרבעט.

מײַנע הערן! איך וועל נאָך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פֿרויען-פֿראַגע. פֿריער פֿאַר אַלץ טאָרן מיר ניט פֿאַרגעסן, אַז די פֿרויען-פֿראַגע איז ניט קיין פֿראַגע פֿאַר זיך, נאָר זי איז אַ טייל פֿון דער סאָציאַלער פֿראַגע. לאָמיר זען, אויף וויפֿל איז דאָס ריכטיק. מיר מיינען, אַז פֿאַר דער באַפֿרײַונג פֿון דער פֿרוי איז גענוג, זי זאָל מאַטעריעל זײַן אומאָפּהענגיק פֿון דעם מאַן. צי איז דאָס באמת גענוג?

בעת די פּראָדוקציע איז נאָך געווען ווייניק אַנטוויקלט, האָט די פֿרוי געטאָן די היימישע אַרבעט; אַז עס האָט זיך באַוויזן די מאַשין-אינדוסטריע, איז בײַ איר געוואָרן ווייניקער אַרבעט אין דער היים, מחמת די פֿאַבריק פּראָדוצירט די זעלביקע זאַכן, וואָס זי, אָבער אַ סך ביליקער. באַגלײַך מיט דעם איז זי געווען געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן די שטוב, ווײַל מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע האָט איר מאַן אָנגעהויבן באַקומען אַ קלענערן אַרבעטסלוין. דער דאָזיקער אומשטאַנד האָט זי געצוווּנגען, אַז זי זאָל אויך גיין (אַרבעטן) אויף דער פֿאַבריק בכדי אונטערצוהאַלטן די עקסיסטענץ פֿון איר פֿאַמיליע. זי איז געוואָרן זעלבשטענדיקער, מער אומאָפּהענגיק פֿון איר מאַן, אָבער דערפֿאַר איז זי אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער ממשלה פֿון דעם בלוטזייגער דעם קאַפּיטאַליסט. מיר זעען בכן, אַז אַ דאַנק דעם, וואָס די אינדוסטריע האָט זיך אַנטוויקלט, האָט די פֿרוי אין דער פֿאַמיליע באַקומען מער זעלבשטענדיקייט און פֿרײַהייט. אָבער שטרעבן מיר דען צו אַזאַ מין פֿרײַהייט? בכדי צו ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, לאָמיר אַ קוק געבן וואָס פֿאַר אַ שאָדן האָט אונדז אָט די נײַע אָרדענונג געבראַכט.

בעת דער מאַן האָט געאַרבעט אַליין, האָט ער געקענט מפֿרנס זײַן די גאַנצע פֿאַמיליע. ו ע' עס האָט זיך באַוויזן די גרויס-אינדוסטריע, האָט די פֿרוי גענומען קאָנקורירן מיטן מאַן, און דער פּועל-יוצא איז געווען, אַז דער אַרבעטסלוין פֿון די מענער איז פֿאַרקלענערט געוואָרן און פֿיל מענטשן זײַנען געבליבן אָן אַרבעט. פֿון דעם איז נאַטירלעך ניט געדרונגען, אַז מיר דאַרפֿן שטרעבן דערצו, אַז די פֿרויען-אַרבעט זאָל אָפּגעשאַפֿט ווערן. דאָס וואָלט לחלוטין ניט פֿאַרלײַכטערט די לאַגע פֿון די אַרבעטער.

---

1 די רעדע איז געהאַלטן געוואָרן אין רוסיש; זע אויבן די אַרמײַנפֿיר-נאָטיץ.—ר ע ד'.

*) צוליב די תּנאים פֿון קאָנספּיראַציע זײַנען מיר געצוווּנגען דעם טייל פֿון דער רעדע ניט צו דרוקן (הערה פֿון אַרויסגעבער). [ווערט נאַטירלעך געמיינט ווילנע — ר ע ד'].

דער אַרבעטסלוין וואָלט ניט גרעסער געוואָרן, ווײַל דער קאַפּיטאַליסט וואָלט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט מער פֿאַרפֿולקומטע מאַשינעס, און די לאַגע פֿון די אַרבעטער וואָלט ניט בעסער געוואָרן. דערפֿון זעען מיר, אַז ניט דאָס ערשטע – די לאַגע פֿון דער פֿרוי, ווי אַ היימישע בעל-הביתטע, און ניט דאָס צווייטע–איר לאַגע ווי אַ פֿאַבריק-אַרבעטערין, געפֿינען זיך לחלוטין ניט אין הסכּם מיט אונדזערע באַגריפֿן וועגן דער אמתער באַפֿרײַונג פֿון די פֿרויען.

ניט געקוקט דערויף, וואָס די פֿרוי איז פֿון אַ היימישער בעל-הביתטע געוואָרן אַ פֿאַבריק-אַרבעטערין, האָט זיך איר לאַגע אין דער היים און אין פֿאַמיליע-לעבן ווייניק פֿאַרבעסערט. פֿון דער אַנדער זײַט לײַדט די פֿרוי, ווי אַ פֿאַבריק-אַרבעטערין, אונטערן יאָך פֿון קאַפּיטאַל נאָך מער פֿון דעם מאַן. די סיבה דערפֿון איז, וואָס דער פֿרוי גיט מען אין דער פֿאַבריק אַ לײַכטערע אַרבעט און דערפֿאַר איז איר אַרבעטסלוין זייער נידעריק, הגם די פֿרוי שטייט ניט נידעריקער פֿונעם מאַן אין פּרט פֿון פֿעיִקייטן צו אַרבעט און גײַסטיקער אַנטוויקלונג.

פֿון דעם אַלעמען איז קלאָר, אַז די הויפּט-סיבה פֿון דער פֿרויען-פֿאַרשקלאַפֿונג איז די איצטיקע עקאָנאָמישע סיסטעם. דעריבער קאָנען מיר, פֿרויען, ניט אויסטיילן אונדזער פֿראַגע פֿון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער פֿראַגע; דעריבער פֿאַלט צונויף אונדזער זאַך מיט דער זאַך פֿון אַלע פּראָלעטאַריער. מיר האָבן אַלע איין שונא, מיט וועלכן מיר דאַרפֿן אין איינעם סאָלידאַריש קעמפֿן. מיר וועלן באַקומען די פֿולע פֿרײַהייט נאָר אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט. און דעריבער מוזן מיר אַלץ טאָן, אַז זי זאָל וואָס גיכער קומען.

## III. די רעדע פֿון אַן אַרבעטער *)

טײַערע שוועסטער און טײַערע ברידער!

מיר האָבן זיך היַינט אַלע פֿאַרזאַמלט כּדי צו פֿײַערן דעם אַלוועלטלעכן אַרבעטער-יום-טובֿ, לויט דעם באַשלוס, וואָס איז מיט 3 יאָר צוריק אָנגענומען געוואָרן פֿון די אַרבעטער-פֿאַרטרעטער פֿון אַלע געבילדעטע לענדער. דאָרטן הערשט אין דעם טאָג פֿון 1טן מאַי פֿולע פֿרײַהייט, דאָרטן קאָכט עס און רוישט. אונדזערע שוועסטער און ברידער, פֿרויען און קינדער, יונג און אַלט מאַרשירן אַלע שטאָלץ איבער די גאַסן מיט אייגענער מוזיק, מיט לידער און פֿאָנען, מיט פֿרייַלעכע הערצער, פֿול מיט טרייסט פֿאַר די פֿאַר-גאַנגענע שווערע יאָרן און מיט האָפֿענונג אויף דער קומענדיקער גליקלעכער צײַט. אין דעם טאָג ציטערן און פֿלאַטערן די בורזשויען – זיי פֿאַרשטייען, אַז אָט-אָט... נאָך אַ ביסל וועט מען זיי פֿאַרמאַכן אויף אייביק די אויגן, די זשעדנע און תּאווהדיקע אויגן זייערע.

דער דאָזיקער יום-טובֿ גיט צו די אַרבעטער נײַע כּוחות צום קאַמף, הייבט זייער געמיט, דערמוטיקט אין זייער שטרעבונג צום מענטשלעכן פּראָגרעס. זיי געניסן איצט פֿון די פּרוכט, וואָס זיי האָבן יאָרן לאַנג מיט ביטערע טרערן געזייט; געניסן פֿון דער וויסנשאַפֿט, וואָס האָט באַלויכטן דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, כּדי צו באַפֿרײַען די געדריקטע מאַסן לוין-אַרבעטער, און ווערן זעלבשטענדיקע מענטשן. זיי גייען איצט, ווי דורך אַ דורכגעטראָטענעם וועג, צום גליק פֿון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, דאָס הייסט צו דער אָפּשאַפֿונג פֿון פּריוואַט-אייגנטום און פֿון דער צעטיילונג אויף קלאַסן, צו דער אָפּמעקונג פֿון דער שנאה צווישן פֿעלקער — צום קיניגרײַך פֿון „פֿרײַהייט, גלײַכהייט און ברידערלעכקייט“! זיי זײַנען אָרגאַניזירט און ווילן זיך דערשלאָגן

*) די דאָזיקע רעדע איז געהאַלטן געוואָרן אין ייִדישן זשאַרגאָן. מיר דרוקן זי אין אַ פּינקטלעכער רוסישער איבערזעצונג. (הערה פֿון אַרויסגעבער פֿון דער בראָשור) [זע אויבן אונדזער אַרײַנפֿיר-נאָטיץ.—ר ע ד׳]

פּאָליטישע רעכט; דאָס דערציט די מענטשהייט און העלפֿט אויסבילדן דעם כאַראַקטער פֿאַר דער קומענדיקער אָרדענונג. זיי גייען בהדרגה, ניט פֿאַרלויפֿנדיק פֿאָרויס, ווײַל די דערפֿאַרונג האָט זיי אָפּגעקאָסט טײַכן בלוט און יאָרהונדערטער פֿון האָרעוואַניע.

זיי פֿאָדערן איצט אַ 8-שעהדיקן אַרבעטסטאָג. דער נוצן דערפֿון באַשטייט, ראשית, דערין, וואָס אין משך פֿון 8 שעה ווערן אויסגעאַרבעט ווייניקער פּראָדוקטן און דער געברויך פֿון פּראָדוקטן בײַ אַן 8-שעהדיקן אַרבעטסטאָג פֿאַרגרעסערט זיך, און דערפֿאַר וועט די רעזערוו-אַרמיי פֿון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איר לעבן איז פּונקט אַזוי צעבראָכן, ווי דאָס לעבן פֿון די ייִדן, וועלכע מ'האָט אַרויסגעטריבן פֿון מאָסקווע,[2] און וואָס דערפֿאַר שלאָגט זי אַראָפּ די אַרבעטספּרײַזן פֿון די אַנדערע אַרבעטער, אויך באַקומען אַרבעט. איצט זעט אויס די גאַנצע וועלט ווי אַ רוימישער צירק: די בורזשואַזיע זיצט זיך אין די ווייכע שטולן און קוקט צו, ווי די גלאַדיאַטאָרן ראַנגלען זיך אויף דער אַרענע, ביז איינער פֿון זיי פֿאַלט ניט צו די פֿיס פֿונעם צווייטן... דאָס שטרעבט די רעזערוו-אַרמיי צו פֿאַרכאַפּן די פּלעצער פֿון די באַשעפֿטיקטע אַרבעטער!

שנית, בײַ אַן אַכט-שעהדיקן אַרבעטסטאָג וועלן די אַרבעטער, האָבנדיק מער פֿרײַע צײַט, פֿאַרנוצן זי אויף זעלבסטבילדונג און קומען צום געדאַנק, אַז אַלע מענטשן זײַנען גלײַך. איין ערד טראָגט אַלעמען אויף זיך, איין זון לײַכט איבער אַלעמען, איין לופֿט אָטעמען אַלע – און דעריבער איז אין דעם מענטשלעכן געזעץ-קאָדעקס, אין דעם געוויסן, ניטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר דעם אונטערשייד צווישן רײַך און אָרעם. דעמאָלט וועלן זיך די אַרבעטער בעסער אָרגאַניזירן, וועלן שאַפֿן אַרמייען און זיך אויסלערנען באַנוצן די שווערד פֿון בילדונג, וואָס וועט אויסהאַקן ביזן גרונד די אַלטע וועלט פֿון גרענעצן, פֿון יאָמער, אָרעמקייט און קראַנקייטן, פֿון אומוויסן און אָבערגלויבן. דעמאָלט וועט אָפּגעווישט ווערן דער פֿלעק פֿון קנעכטשאַפֿט און עס וועט אויפֿקומען אַ וועלט פֿון גליק און מענטשן-ליבע, וווּ יעדער איינער וועט זיך פֿילן ווי אַ גליד פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. די פֿינצטערקייט פֿון דער אַלטער וועלט האָט געשטערט די מענטשן צו אַנטוויקלען זיך, אָבער איצט איז די אַלטע וועלט מיט איר ווילדקייט אַראָפּגעשלײַדערט. ווײ איז צו די, וואָס וועלן זאָגן, אַז די אַרבעטער-מאַסע מוז אַלץ אַריבערטראָגן, לײַדן און פּלאָגן זיך און צושטעלן אַ הײַפֿעלע מענטשן כּל המיני ווױלטאָגן!

אויך מיר ייִדן, די „רוסישע אונטערטאַנער", זאָגן זיך אָפּ פֿון די אייגענע ימים-טובֿים און פֿאַנטאַזיעס, וואָס זײַנען אומנוצלעך דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט: מיר שליסן זיך אָן אין די רייען פֿון די סאָציאַליסטן און שטייען צו צו זייער יום-טובֿ, וואָס זיי האָבן זיך דערשלאָגן אַ דאַנק דער וויסנשאַפֿט און מיט דער הילף פֿון אייגענע כּוחות און וואָס וועט בלײַבן עקסיסטירן ביזן סוף פֿון אַלע דורות, מחמת דער ציל פֿון יום-טובֿ איז — אָרונ-טערשנײַדן ביזן סוף דעם האַלדז פֿון דער אַלטער וועלט, וווּ מען פּאָמפּעט אַרויס, ווי דורך רערן, דאָס לעצטע בלוט פֿון דעם אָרעמען קלאַס, און אויף זײַנע חורבֿות אויסצו-בויען אַ וועלט פֿון אַלגעמיינעם שלום. אונדזערע ימים-טובֿים, וואָס מיר האָבן געירשנט פֿון אונדזערע עלטערן, דאַרפֿן סוף-כּל-סוף פֿאַרשווינדן אין איינעם מיט דער אַלטער אָרדענונג. מיר האַלטן זיך בײַ דער מיינונג, אַז קיין גאָט און קיין שד קען ניט באַפֿרײַען די אונטערדריקטע מאַסע פֿונעם יאָך, וואָס בייגט זי אַראָפּ צו דער ערד; נאָר בילדונג און אייגענע ענערגיע קענען אַרויספֿירן פֿון דער פֿינצטערניש צום ליכט פֿון לעבן.

הגם אין רוסלאַנד רודפֿט מען פֿאַר יעדן טריט פֿון פֿאָלק צו זעלבסטבאַפֿרײַונג פֿון דער שלעכטער לאַגע, פֿאַרשטייט דאָך די רעגירונג, אַז די עקסיסטירנדיקע אָרדע-נונג מוז אין גיכן פּלאַצן און אַלע „דראַרמאָיעדניקעס" – די, וואָס לעבן פֿון פֿרעמדער

---

2 דער גירוש פֿון מאָסקווע איז פֿאָרגעקומען פֿרילינג 1891 און האָט דעמאָלט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אין אַלע קרײַזן. — ר ע ד'.

פּראָצע, – וועלן זיך מוזן אָפּזאָגן פֿונעם פֿאַרגעניגן צו צאַפּן דאָס בלוט פֿון אַרבעטער־קלאַס. זיס איז צו זייגן ווי אַ פּיאַווקע פרעמד בלוט, ווען דער קרבן לאָזט זיך; ווען אָבער דער אָרעמער אַרבעטער אָדער די גאַנצע אונטערדריקטע מאַסע זאָגט „ניין, איך וויל ניט“–דעמאָלט ווערט ביטער און פֿינצטער די „דאַרמאָיעדניקעס“. ניט אומזיסט זענען זיי צו האַלטן דאָס פֿאָלק ווי אַ טעמפּ ווערקצײַג, ניט אומזיסט קריכן זיי פֿון די כּלים כּדי אויסצוקאָרעניען בײַ די תּלמידים אין די לערן־אַנשטאַלטן אַלע גוטע נאַטירלעכע אייגנשאַפֿטן און אָנשטאָפּן זייערע קעפּ מיט רעליגיע, מלחמות און עפּאָלעטן, אײַנשמועסן דעם פֿאָלק צו גיין בוקן זיך פֿאַרן גאָלדענעם קאַלב און דעמאָראַליזירן דעם מענטשלעכן געדאַנק. ווי מיט אַ ליאַלקע שפּילן זיי זיך מיט דער גאַנצער אונטערדריקטער מאַסע, און ווי נאָר עמיצער טרעט אַרויס און זאָגט דעם פֿאָלק דעם אמת, באַמיען זיי זיך מיט אַלע כּוחות צו פֿאַרלעשן דעם פֿונק, און אויף דער פֿראַגע, פֿאַר וואָס רעכענען זיי זיך אָפּ אַזוי אַכזריותדיק, האָבן זיי איין ענטפֿער: אויף דער שיף מוז מען פֿאָלגן דעם קאַפּיטאַן.

דאָס ליכט פֿון וויסנשאַפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט ווײַזט אונדז אָן דעם וועג. די וויסנשאַפֿט פֿירט אונדזער שיף, ווי אַ געניטער, קלוגער און ווײַטזעענדיקער שיפֿס־קאַפּיטאַן. ווי אַ ליבנדיקע מוטער וועט אונדז די וויסנשאַפֿט אַריבערפֿירן בשלום איבער דעם ים פֿון טרערן און פּײַן אין דעם לאַנד פֿון לעבן. גליקלעך איז דער, וועמ ס׳פֿאַרלירט ניט דעם מוט, וועמענס האַרץ ס׳פֿאַלט ניט אײַן ניט בײַם קנאַלן פֿון האַרמאַטן און בײַם גלאַנץ פֿון דעם שונאס שווערד און ניט ווען דער שטורעם שרעקט צו צערײַסן די זעגלען פֿון דער אָרעמער שיף! אַזאַ איינער טרעט שטענדיק אַרויס אָפֿן און זאָגט פֿרײַ דעם אמת, אָן שום מורא פֿאַר טורמעס און פֿעסטונגען, פֿאַר סיביר און שטיינגרובן, פֿאַר געלאָדענע ביקסן און אַפֿילו פֿאַרן טויט אַליין. ווי באַלד מיר האָבן אויף זיך אָנגעטאָן דעם פּאַנצער פֿון מענטשלעכקייט און דעם שוצאײַזן פֿון געוויסן–קענען זיי קנאַלן וויפֿל זייער האַרץ גלוסט מיט האַרמאַטן, באַשיטן אונדז מיט אַ מבול פֿון קוילן: מיר וועלן שטיין פֿעסט ווי אַ וואַנט, אין וועלכער די קוילן וועלן צעשמעטערט ווערן און די שווערדן וועלן צעבראָכן ווערן, און די מלאַכי־חבלה וועלן ענדלעך מיד ווערן אונדז צו פּײַניקן און שמידן אין קייטן.

אַ סך אַזעלכע בײַשפּילן געפֿינען מיר אין אויסלאַנד. אויך פֿאַר דעם ווויל פֿון רוסלאַנד זײַנען אייגנטלעך ניט ווייניק קרבנות געפֿאַלן: די ערד אונטער אונדזערע פֿיס איז באַגאָסן מיט בלוט און טרערן פֿון פֿיל טויזנטער אונדזערע שוועסטער און ברידער; קיין שום שטערונגען, ניט בערג און ניט אָפּגרונטן, ניט דער ווײַטער וועג און ניט שווערע האַרעוואַניע, ניט דער שרעקלעכער שונא–קיין זאַך האָט זיי ניט אָפּגעהאַלטן פֿון קאַמף, און זיי האָבן געקעמפֿט ביזן טויט און האָבן אויסגעהויכט זייער נשמה פֿאַר דער אונטערדריקטער מאַסע. מיר דאַרפֿן זיך דערמאָנען אָן אַזעלכע לײַכטנדיקע שטערן, ווי זשעליאַבאָוו, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לײַב דעם שונא אויף פֿאַרצוקונג, אַראָפּרײַסנדיק די פֿאַלשע מאַסקע פֿון דעם „באַטיושקאַ–צאַר“. אָבער זייערע נשמות שוועבן צווישן אונדז, זייער גײַסט וועט לעבן און ווירקן ביז יענער צײַט, ווען די נײַע אָרדענונג וועט זיך פֿאַרפֿעסטיקן. צי פֿאַרשטייען דען ניט די מענטשן־פֿרעסערס, אַז וואָס מער זיי פֿלײַסן זיך צו פֿאַרלעשן דעם פֿונק, אַלץ מער ברענט ער זיך פֿונאַנדער אין אַ פֿלאַם? אַז אויפֿן אָרט פֿון איין קעמפֿער וואָס זיי פֿאַרמוטשען באַווײַזן זיך צענדליגער נײַע?

די געשיכטע און דער פּראָגרעס גייען פֿאָרויס–דאָס איז ניט קיין פּוסטע פֿאַנטאַזיע און ניט קיין פֿאַלשע האָפֿענונג: די געשיכטע לערנט אונדז, אַז איין סיסטעם שאַפֿט די צווייטע. ניט געקוקט דערויף, למשל וואָס די גרעסטע מענער פֿון אַלטערטום האָבן געטענהט, אַז מענטשן קענען ניט באַזײַטיקן די שקלאַפֿערײַ, מחמת שקלאַפֿערײַ

איז פלומרשט געגעבן געוואָרן פון דער נאַטור, האָט פונדעסטוועגן דער פּראָגרעס געטאָן זײַנס און די שקלאַפעריי איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, קעגן דער מיינונג פון יענע גאָניאַלע מענער. און וואָס איז שייך אונדזער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, האָט אונדזער לערער מאַרקס אונדז אויפגעקלערט, אַז דער קאַפּיטאַליזם געפינט זיך אין עמבריאָן אין דער תקופה פון פעאָדאַליזם, און איצט, ווי מאַרקס דריקט זיך אויס, ווען עס וועט פּלאַצן דער אויסערלעכער צודעק פון דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, וועט זיך באַווײַזן דאָס קערנדל פון סאָצ אַליזם און וועט אַלץ מער און מער וואַקסן. און מיר זעען, אַז עס איז באמת אַזוי: די אידעען פון סאָציאַליזם זײַנען פאַרשפּרייט איבער דעם גאַנצער וועלט און אין אייניקע לענדער געפינען זיי זיך אין פולן גלאַנץ — אין יעדן לאַנד וועדליג זײַן געשיכטע: דאָ באַווײַזן זיך די ערשטע שפּראָצונגען פון סאָציאַליזם, דאָרט וואַקסט ער שוין און אין אַ דריטן אָרט געפינט ער זיך אין פולער בליִונג.

צי זײַנען דען די נידערטרעכטיקע בורזשויען ביכולת אָפּצושטעלן מיט זייערע גשמיותדיקע אויגן [?] די הימל־קערפּערס? ניין! און זיי טרוימען וועגן טייטן דעם גײַסט, זיי, די לעכערלעכע גיבורים! דעם גײַסט ווילן זיי שמידן אין קייטן! איין שטראַל פון ליכט וועט פאַרטרײַבן די געדיכטסטע פינצטערניש! אַזעלכע מענטשן, ווי זשעליאַבאָוו, וועלן ביזן סוף פאַרבלײַבן די הויפּטהעלדן אין די אַנאַלן פון דער רוסישער געשיכטע, — דאָס איז פאַרשריבן ניט מיט טינט, נאָר מיטן בלוט פון זייער האַרץ. די געשעענישן פון 1טן מערץ [1881] האָבן אויפגעוועקט צענדליגער טויזנטער מענטשן פון לעטאַרגישן שלאָף. זיי האָבן באַוויזן, אַז דער צאַר איז כּלל ניט קיין גאָט־געזאַלבטער: זײַן מלאך המושיע אין הימל האָט אים אַ קאָפּ ניט געהאָלפן. הגם מיר שפּאַנען איצט איבער די טויטע קערפּערס פון די קרבנות, וואָס זײַנען געפאַלן פאַר רוסלאַנדס באַפרײַונג, הגם אויך איצט קומט אויס טאָג אײַן טאָג אויס טײַער צו באַצאָלן פאַר דער דאָזיקער געשעעניש, — אָבער דאָס טאָר אונדז, די רוסישע אַרבעטער, ניט אָפּשטעלן, טאָר אונדז ניט אָפּשרעקן! אָן מורא אין האַרצן, ניט אַרומקוקן זיך אויף די סכּנות, ניט ציילן די שונאים, אויף זיך אַליין פאַרגעסן — אַזוי דאַרפן מיר האַנדלען! די געשיכטע וועט סוף כּל סוף אַלץ רעגולירן, און די נעמען פון די אינקוויזיטאָרן, וואָס שטייען אונדז אין וועג, וועלן בלײַבן אויף שטענדיק צו שפּאָט און צו שאַנד! אויב מיר געפינען זיך איצט נאָך אין אַ „זווערינעץ" צווישן חיות און בלאָנדזשענדיק אין דער פינצטערער נאַכט הערן מיר פון דער ווײַטנס דאָס בילן פון הינט, — ווייסן מיר דאָך, אַז אַ ביסל ווײַטער איז פאַראַן אַ מענטשלעכער ישוב פון סאָציאַליסטן, אַן אָרט וווּ מ׳קען לעבן אין פולן גליק. מיר דאַרפן נאָר געפינען דעם אַרויסגאַנג, פאַרלאָזן דעם פּלאַץ פון די חיות און צוקומען צו יענעם אָרט. און מיר דאַרפן זיך ניט שרעקן פאַר די הינט אויף דער קייט: זיי וואָלטן געוויס ניט געבילט, ווען זיי וואָלטן ניט מורא געהאַט פאַרן שטעקן.

לאָמיר זשע זײַן ענערגיש! יעדער טריט פאָרויס דערנענטערט אונדז צום ציל. הגם דאָס רובֿ פון אונדז איז איבערצײַגט, אַז דער סאָציאַליזם וועט אומבאַדינגט קומען, אָדער אַז מיר וועלן אומבאַדינגט קומען צום סאָציאַליזם, — פונדעסטוועגן איז אומבאַדינגט נייטיק, אַז מיר, פון אונדזער זײַט, זאָלן זײַן ענערגיש, מחמת מיר ווייסן, אַז דער סאָציאַליזם וועט ניט קומען דורך איבערנאַטירלעכע ניסים: פון הימל וועט ניט אַראָפּפאַלן אויפן באַרג סיני בקולות וברקים, מיט דונערן און בליצן, די תורה פון סאָציאַליזם, משיח וועט ניט קומען אין איין שיינעם פרימאָרגן רײַטנדיק אויף אַ ווײַסן אייזל *)

*) לויט דער פאָלקסגלויבעניש בײַ יידן דאַרף זיך משיח באַווײַזן רײַטנדיק אויף אַ ווײַסן אייזל (הערה פון אַרויסגעבער).

כּדי איינצופירן סאָציאַליזם איבער גאָר דער וועלט—דער סאָציאַליזם קומט און וועט קומען בהדרגה! און עס וואָלטן ניט קלעקן טויזנט און איין נאַכט צו שילדערן, ווי דער סאָציאַליזם דרינגט אַרויס און וועט אַרויסקומען אין זײַן גאַנצער פּראַכט פון די גנדעס־רעם פון דער איצטיקער עקלדיקער סיסטעם.

אַלזאָ, צו דער אַרבעט! די גאַנצע געבילדעטע וועלט גייט פאָרויס און דערנענטערט זיך צו דער קומענדיקער אָרדענונג. נאָר אונדזער טײַער רוסלאַנד איז נאָך גאַנץ ווײַט דערפון. די אַרבעט פון דער (רוסישער) אינטעליגענץ פאַר דער סאָציאַליסטישער אידעע האָט ניט געהאַט קיין גלענצנדע ערפאָלגן דערפאַר, וואָס אירע אינטערעסן האָבן ניט געהאַט קיין טיפע וואָרצלען אין מאַטעריעלן לעבן. אָבער איצט, אַז די אַרבעטער האָבן זיך גענומען רירן, וועלן די ווערטער פון דער אינטעליגענץ זיכער ניט פאַלן אויף אַן אומגינסטיקן באָדן. מיר דאַרפן בכן מיט אונדזערע יונגע כּוחות אָפּרייניקן דעם וועג. פריער פאַר אַלץ דאַרפן מיר דערציען אַלע אונדזערע שוועסטער און ברידער, אויפקלערן זיי, אַז די באַפרײַונג פון יעדן אַרבעטער באַזונדער וועט קומען דעמאָלט, ווען די גאַנצע מאַסע וועט זיך באַפרײַען. אָבער בײַ אונדז אין רוסלאַנד איז די ערשטע שטערונג דאָס, וואָס מיר האָבן ניט קיין פרײַהייט פון פרעסע און פאַרזאַמלונגען און פרײַהייט פון אָרגאַניזאַציע. דעריבער דאַרף אונדזער ערשטער שריט זײַן אויסקעמפן די קאָנסטיטוציע. און היות ווי מיר בילדן אַ באַזונדערן קלאַס מיט באַזונדערע אינטערעסן, דאַרפן אין פאַרלאַמענט זיצן אונדזערע פאָרשטייער; דאָס מיינט, מיר דאַרפן ניט זײַן ווי בלינדע שאָף, וואָס מ׳קען מיט זיי מאַכן וואָס מ׳וויל. מיר האָבן מער ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזן זיך, אויסער ווי אויף זיך אַליין. קענען מיר זיך דען פאַרלאָזן אויף די כּוהנים פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס באַהויפּטן, אַז די איצטיקע אָרדענונג, וואָס נעמט בײַ אונדז אָפּ די גאַנצע פרוכט פון אונדזער שווערער האָרעוואַניע, איז די בעסטע פון אַלע אָרדענונגען? אָדער—אויף די גײַסטלעכע, וואָס זאָגן אונדז צו די האָפענונג אויף יענער וועלט, בעת זיי אַליין אויף דער וועלט שטאָפּן אָן זייערע גראָבע בײַכער אויף אונדזער חשבון? אָדער אפשר אויף די „דאַרמאָיעדניקעס“—אויף די, וואָס לעבן פון פרעמדער פּראַצע, וואָס ציען פון אונדז אָדערן און זייגן אויס אונדזער בלוט?—אָט פון אַזעלכע מענטשן זאָלן מיר דערוואַרטן אונדזער הילף? ניין! מיר קענען זיך ניט פאַרלאָזן אויף דער באַנדע גזלנים און רויבער!...

מיר אַליין זײַנען יענער מאַטעריאַל, פון וועלכן עס וועט אויסגעבויט ווערן דער הייליקער טעמפּל פון דער צוקונפט. פון אונדז וועט אַרויסשײַנען ליכט פאַר אַלע אונדזערע שוועסטער און ברידער, וועלכע ווערן געבוירן און גייען אונטער, ווי ווערעם אין דער ערד, וואָס ווייסן ניט פון די פריידן פון דער ליכטיקער וועלט. לאָמיר אָנצינדן דעם פאַקל און באַלײַכטן די אונטערדריקטע מאַסע, וואָס שטאַרבט ניט באַוווּסטזיניק צו לעבן! לאָמיר מיט דעם פאַקל אויסברענען די אויגן פון די מענטשן־פרעסער, און זאָל דער ריח פון דער בראַנד אַרײַנדרינגען טיף אין דער ערד און טרייסטן די אומשולדיקע קרבנות, פאַר וועלכע מיר נעמען נקמה פון די מענטשן־פרעסערס, וואָס האָבן זייער בלוט פאַרגאָסן ווי וואַסער דערפאַר, ווײַל זיי האָבן געקעמפט פאַר פרײַהייט, גלײַכהייט און ברידערלעכקייט! לאָמיר עפענען די אויגן און אָפּוואַשן דעם פלעק פון קנעכטשאַפט; לאָמיר קעמפן ווי העלדן פאַר אונדזער נאַציע און פאַר דער מענטשהייט בכלל; לאָמיר הויך אויפהייבן די רויטע אַרבעטער־פאָן, אויף וועלכער עס זײַנען אויפגעשריבן די ווערטער, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען איבער דער גאָרער וועלט, פון אונדזער גרויסן געניאַלן לערער קאַרל מאַרקס, זכרונו לברכה:

אַרבעטער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

## IV. די רעדע פֿון אַן אַרבעטער[3]

מײַנע הערן! הגם איך בין קיין איין מינוט ניט מסופּק, אַז דאָס רובֿ פֿון די פֿאַרזאַמלטע דאָ ווייסן וועגן דעם אַלוועלטלעכן אַרבעטער-יום-טובֿ פֿון „ערשטן מאַי“, איז, לויט מײַן מיינונג, דאָך ניט איבעריק צו דערמאָנען וועגן אים: אפֿשר זײַנען צווישן אונדז פֿאַראַן אַזעלכע, פֿאַר וועמען די אידעע פֿון „ערשטן מאַי“ איז אין גאַנצן נײַ. דעריבער ווענד איך זיך צו דעם אויפֿקום פֿון דעם דאָזיקן יום-טובֿ.

אין 1889, בעת דער פּאַריזער אויסשטעלונג, איז אין פּאַריז פֿאָרגעקומען אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון פֿאָרשטייער פֿון די אַרבעטער-פּאַרטייען אין אַלע לענדער, אַנדערש געזאָגט— פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. דאָרטן האָבן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן באַשלאָסן, אַז די אַרבעטער זאָלן אומעטום (דאָס מיינט, אַז די רוסישע ייִדן ווערן אויך ניט אויסגעשלאָסן) פֿײַערן דעם ערשטן מאַי. דער הויפּטצוועק פֿון דעם דאָזיקן אַרבעטער-יום-טובֿ איז געווען צו פֿאָדערן פֿון די קאַפּיטאַליסטן אַן אַכטשעהדיקן אַרבעטסטאָג און אויך באַווײַזן דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט וואָס פֿאַר אַ קראַפֿט דער אַרבעטער-קלאַס האָט מיט זיך געשאַפֿן.

איך וויל זיך ניט אַרײַנלאָזן אין אויספֿירלעכע דערקלערונגען וועגן דעם, וואָס פֿאַר אַ קאָלאָסאַלן באַטײַט עס האָט פֿאַר אַרבעטער די פֿאַרקירצונג פֿון אַרבעטסטאָג. איך רעכן, אַז יעדערער פֿון אונדז ווייס גאַנץ גוט, אויף וויפֿל פֿאַרן אַרבעטער איז בעסער וואָס גיכער צו באַפֿרײַען זיך פֿון דער שטיקנדיקער לופֿט אין וואַרשטאַט און פֿון דער שווערער אַרבעט, וואָס איז איבער זײַנע כּוחות, און קומען פֿריער אַהיים אויסרוען זיך, לייענען אַ גוט בוך און פֿאַרנעמען זיך מיט אַ נוצלעכער זאַך, איידער צו אַרבעטן ביז די לעצטע כּוחות אויף אַ ליאַדע ליידיקגייער אַ בורזשוי אָדער אויף אַ מײַסטער און דערפֿאַר באַקומען פֿון די דאָזיקע בעלי-טובֿות, אויסער אַ נישטיקן לוין, נאָר זידלערײַען. אונדז אַלעמען איז אויך באַקאַנט, אַז אויב דער אַרבעטסטאָג אין אַ וואָסער ניט איז אינדוסטריע-צווײַג פֿאַרקלענערט זיך, פֿאָדערט זיך אויף דער אויסאַרבעטונג פֿונעם זעלביקן קוואַנטום פּראָדוקטן אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער ווי פֿריער, און אַז אַ דאַנק דעם באַקומען אַרבעט מענטשן, וואָס זײַנען פֿריער געווען אַרבעטסלאָז. איך וועל זיך דער עיקר אָפּשטעלן אויף צוויי פֿראַגעס: ראשית, פֿאַר וואָס האָט מען פֿאַר דעם אַרבעטער-יום-טובֿ אויסגעקליבן גראָד דעם ערשטן מאַי און ניט עפּעס אַן אַנדער טאָג? און שנית—וואָס פֿאַר אַ ציל און קאָלעקטיווער אינטערעס איז פֿאַראַן בײַ אַרבעטער פֿון אַלע [פֿאַרשיידענע] גלויבנס, נאַציעס און טעריטאָריעס און וואָס דינט, אַזוי צו זאָגן, פֿאַרן הויפּטסטימול, אַז אומעטום זאָל אָפּגעשטעלט ווערן די אַרבעט אין איין און דעם זעלביקן טאָג?

לאָמיר פֿריער אויפֿקלערן די ערשטע פֿראַגע. אויף וויפֿל איך פֿאַרשטיי, האָבן די דאָזיקע צײַט [דעם טאָג] אויסגעקליבן פֿאַרן יום-טובֿ פֿון די אַרבעטער מענטשן מיט אַ פּאָעטישן געשמאַק: די פֿײַערונג האָט אין אַ סך פּרטים אַ גרויסע ענלעכקייט מיט דער פֿרעכטיקער מאַיצײַט. דער „ערשטער מאַי“ ווערט געהאַלטן פֿאַר איינעם פֿון די ערשטע טעג, אין וועלכן די גאַנצע נאַטור לעבט אויף; אַלע געוויקסן אוןביימער, וואָס זײַנען אין משך פֿון אַ גאַנצן האַלב יאָר געשלאָפֿן אַ טיפֿן שטאַרקן שלאָף און וואָס האָבן אויסגעזען אַזוי טרויעריק און פֿאַרחושכט,—טוען זיך איצט אָן, אַ דאַנק די צאַרטע און פֿרײַנדלעכע זונשטראַלן, ווי אין נײַע פֿאַנטאַסטישע קליידער, וואָס זאָגן אונדז צו אין דער צוקונפֿט זאַפֿטיקע פּירות; אַלע גרעזעלעך, וואָס זײַנען ערשט געווען בלאָטיק און פֿײַכט, געטראָטן מיט די פֿיס פֿון די דורכגייער—מחמת קיינער האָט זיי ניט געהאַלטן פֿאַר נוצלעך,—לעבן איצט אויף אַ דאַנק די זונשטראַלן און באַקומען אַ יום-טובֿדיק אויסזען.

1 די רעדע איז געהאַלטן געוואָרן אין רוסיש; זע אַרײַנפֿיר-נאָטיץ.—ר ע ד׳.

לערך דאָס אייגענע קומט פֿאָר אויך בײַ די אַרבעטער. בעת דער דאָזיקער געזעלשאַפֿטלעכער קלאַס, וועלכער טראָגט נאָך אויף זײַנע פֿאַרוווּנדעטע פֿלייצעס סימנים פֿון לאַנגיאָריקער פּײַניקונג, וועלכער איז די גאַנצע צײַט געווען אַ קרבן פֿון גראָבער אָפּנאַרערײַ מצד דער בורזשואַזיע און האָט זײַנע לעצטע כּוחות אָפּגעגעבן כּדי זי רײַך צו מאַכן, בעת דער דאָזיקער קלאַס, וואָס איז אָפֿט פֿאַרמשפּט אויף הונגערטויט און איז פֿאַרזונקען אין פֿינצטערניש, קנעכטשאַפֿט און דעמאָראַליזאַציע, האָט זיך ענדלעך אָנגענומען מוט און אַלע אַרבעטער ווי איין מענטש האָבן געפֿאָדערט פֿון זייערע באַדריקער ברויט, האָבן די לעצטע (די באַדריקער) זיך אַזוי מיט זיי אָפּגערעכנט, אַז אין משך פֿון אַ גאַנצער וואָך האָבן זיך שטראָמען בלוט געגאָסן. נאָך דעם, ווי די גאַנצע בורזשואַזע געזעלשאַפֿט האָט זיך מיטן אַרבעטער-קלאַס בלוטיק אָפּגערעכנט, און האָט געמיינט אַז ער איז שוין לאַנג טויט און זי איז שוין מיט אים אין גאַנצן פֿאַרטיק געוואָרן, אַז זי האָט אין אים שוין דערשטיקט אַלע געפֿילן און שטרעבונגען צו פֿרײַהייט,—הייבט אָן פּלוצים דער דאָזיקער קלאַס ביסלעכווײַז אויפֿלעבן אַ דאַנק דעם ליכט, וואָס איז צו אים דערגאַנגען, און אין אים הייבט אָן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער צו שלאָגן דער פּולס פֿון לעבן. און ווען אין דעם טאָג פֿון „ערשטן מאַי“ נעמט ער אויסגלײַכן זײַן אין פּײַן אײַנגעהויקערטן רוקן און שטעלט זיך אונטער איין אַלגעמיינער פֿאָן: „די באַפֿרײַונג פֿון אַלע אונטערדריקטע און די פֿאַרווירקלעכונג פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט“, באַווײַזט ער דערמיט דער בורזשואַזער וועלט, וואָס פֿאַר אַ טיפֿן טעות זי האָט געהאַט מיינענדיק, אַז דער אַרבעטער איז נידערגעשלאָגן. ניין! דער אַרבעטער איז נאָך ניט טויט—ער גלייבט און פֿאַרשטייט, אַז ניט ווײַט איז יענער טאָג, ווען אין פֿאָלק וועלן זיך אָנזאַמלען גענוג כּוחות פֿאַר דעם קלאַסנקאַמף. און ווען ער וועט דערפֿילן אין זיך די דאָזיקע קראַפֿט, וועט ער זיך אַליין אָפּרעכענען מיט זײַנע באַדריקער, וועט אַליין צעברעכן און צעשמעטערן אַלע קייטן, וואָס האָבן אים געבונדן און בינדן אים נאָך איצט, האַלטנדיק אין אַזאַ פֿאַרמיאוסטער לאַגע. דעמאָלט וועלן קומען פֿאַרן אַרבעטער יענע מאַי-טעג פֿון פֿרילינג, ווען ער וועט שוין מער ניט זײַן קיין קנעכט פֿון קאַפּיטאַל, יענע טעג, וואָס אויף זיי וואַרט דער אַרבעטער מיט אַזאַ אומגעדולד.

אונדזער ערשטע פֿראַגע איז בכן פֿאַרענטפֿערט. לאָמיר זיך איצט דורכרעדן וועגן דער צווייטער, דאָס הייסט וועגן די סאָלידאַרישע אינטערעסן פֿון אַלע אַרבעטער. בכדי ריכטיק צו פֿאַרענטפֿערן די דאָזיקע פֿראַגע, דאַרפֿן מיר זיך דערמאָנען און שטענדיק אין זינען האָבן, אַז די אַנטוויקלונג פֿון די אָדער יענע באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש, פֿון די אָדער אַנדערע באַגריפֿן אין דער געזעלשאַפֿט הענגען אין גאַנצן אָפּ פֿון דער הערשנדיקער פֿאָרם פֿון פּראָדוקציע. ווען מיר ווענדן זיך צו יענער צײַט, ווען אומעטום האָט געהערשט די קליין-פּראָדוקציע, בײַ וועלכער די אַרבעטער זײַנען געווען אָפּגעזונדערט איינע פֿון די אַנדערע און צווישן דעם אַרבעטער און בעל-הבית איז ניט געווען אַזאַ שאַרפֿער קאָנטראַסט ווי איצט, ווען דער הײַנטיקער אַרבעטער האָט לײַכט געקענט מאָרגן אַליין ווערן אַ בעל-הבית,—דעמאָלט האָט פֿאַרשטייט זיך ניט געקענט געמאָלט זײַן קיין סאָלידאַרישקייט פֿון אינטערעסן צווישן אַלע אַרבעטער; יעדער אַרבעטער האָט געדאַרפֿט אַליין פֿירן דעם קאַמף מיט זײַן בעל-הבית. בעת די קליין-פּראָדוקציע איז פֿאַרביטן געוואָרן דורך דער מאַנופֿאַקטור-פֿאָרם פֿון אינדוסטריע, זײַנען די באַציִונגען צווישן בעל-הבית און אַרבעטער געוואָרן שאַרפֿער און בולטער, אָבער קיין פֿולע סאָלידאַרישקייט צווישן די אַרבעטער האָט דאָך ניט געקענט זײַן; זיי האָבן זיך נאָך געפֿילט גענוג זעלבשטענדיק, ווײַל דער בעל-הבית האָט זיך נאָך גענייטיקט אין זייערע ספּעציעלע קענטעניש. ווען אָבער נאָך דער מאַנופֿאַקטור-אינדוסטריע איז געקומען די מאַשין-אינדוסטריע, ד"ה די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, האָט זיך גענומען ענדערן דער מצב פֿון די אַרבעטער. וואָס מער די מאַשין-פּראָדוקציע האָט זיך אַנטוויקלט, אַלץ מער זײַנען געוואָרן געצוווּנגען די קליינע בעלי-הבתּים, וואָס האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן

איר קאָנקורענץ, אַוועקצוּוואַרפן די זעלבשטענדיקע וואַרשטאַטן און גרופּירן זיך אין איינעם מיט זייערע אייגענע אַרבעטער אונטער איין דאַך אויף די פאַבריקן און זאַוואָדן, וווּ זיי האָבן זיך פּנים-אל-פּנים געטראָפן מיט דער האַרצלאָזער מאַשין, וואָס פאַרוואַנדלט די לעבעדיקע כּוחות פון מענטשן אין שטיקער גאָלד און זילבער און פּרעסט אויף, ווי אַן אומגעזעטיקטע שרעק-חיה, דאָס פלייש און בלוט פון לעבעדיקן מענטשן אָן אונטער-שייד פון געשלעכט און עלטער.

אַ דאַנק דער קאָנקורענץ הערשט איצט די דאָזיקע פאָרם פון פּראָדוקציע אומע-טום, אויך אין רוסלאַנד, און אַזוי אַרום ווערן די אַרבעטער בהדרגה אין אַלע לענדער געשטעלט אין איין און דער זעלביקער לאַגע. וואָס מער עס אַנטוויקלט זיך די דאָזיקע אינדוסטריע-פאָרם, אַלץ שאַרפער און שאַרפער טרעט אַרויס די פיינטשאַפט צווישן די אינטערעסן פון די בעלי-בתּים און די אַרבעטער און אַלץ מער הייבן אָן די אַרבעטער צו פאַרשטיין די צוועקלאָזיקייט פון דעם קאַמף פון יחיד. דעריבער, בכדי עס זאָל לייכ-טער זיין צו קעמפן מיטן קאַפּיטאַל, באַהעפטן זיך די אַרבעטער איינער מיטן אַנדערן אין גרויסע מאַסן. דאָס באַוווּסטזיין, אַז אַזאַ באַהעפטונג איז אומגעהייער נוצלעך, האָט שטענדיק אַרויסגערוקט די אידעע וועגן דער סאָלידאַרישקייט פון די אינטערעסן פון אַלע אַרבעטער.

אָט אויף דעם עקאָנאָמישן באָדן האָט דער גרויסער געניאַלער דענקער, וועמענס נאָמען עס וועט אייביק פאַרבלייבן אין זיכּרון פון די אַרבעטער, אַנטוויקלט די אידעע, וואָס וואַרפט אַרויף אַזאַ פּחד אויף דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט; יענע אידעע, קעגן וועלכער די בורזשואַזיע באַוואָפנט זיך מיט וואָס נאָר זי קען ביי די סאַמע פּריד-לעכע דעמאָנסטראַציעס פון די אַרבעטער און איז גרייט אַ ליאַדע מינוט אָנפאַלן אויף זיי מיט אַלע אירע מיטלען; יענע אידעע, וואָס אַנטוויקלט זיך עקשנותדיק, ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען, אויף תּפיסות, תּליות און אַנדערע מיתות בית-דין, אַנטוויקלט זיך אויף צו להכעיס דער בורזשואַזיע און וועט זיך ווייטער אַנטוויקלען, ביז אויף דער וועלט וועט ניט קומען די צייט פון „גלייכהייט, ברידערלעכקייט און פרייהייט".

בכן, ווי באַלד מיר זעען, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ דירעקטער פּועל-יוצא פון דער קאַפּיטאַליסטישער פאָרם פון פּראָדוקציע, אָדער אַ פּשוטער קלאַסנקאַמף, איז לחלוטין אומבאַגרינדעט די באַהויפּטונג, וואָס אייניקע מאַכן, אַז עס איז אַ חטא און אַ פאַרברעך, וואָס די רוסישע יידן באַטייליקן זיך אין דעם דאָזיקן רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף. מ'וואָלט נאָר דעמאָלט געקענט מסכּים זיין מיט אַזאַ מיינונג, אויב דאָס גאַנצע יידנטום וואָלט געווען אַ מין אָפּגעזונדערטע נאַציע, וואָס שטייט מחוץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, אָדער אויב אַלע יידן וואָלטן באַשטאַנען בלויז פון בורזשויען. אָבער צי איז אַזאַ מיינונג ריכטיק? צי פילט דען ניט אויף זיך דער פיל ליידנדיקער קערפּער פונעם אָרעמען יידישן פּראָלעטאַריער די גאַנצע לאַסט פון קאַפּיטאַל? צי זייגט דען ניט אויס דער קאַפּיטאַל אַלע לעבנסזאַפטן בייַם אָרעמען יידישן אַרבעטער פּונקט ווי ביי אַלע אַנדערע אַרבעטער? צי מאַכט דען דער קאַפּיטאַל אַן אונטערשייד און סאָרטירט ער דען דאָס מענטשלעכע בלוט? צי ליידט דען ניט דער יידישער אַרבעטער פונעם זעלביקן דלות, ווי יעדער אַנדער אַרבעטער? צי האָבן דען די פאַבריקאַנטן און מייסטערס אויפן יידן רחמנות און עקספּלואַטירן אים ניט?—אויף די אַלע פראַגעס איז פאַראַן נאָר איין ענטפער, און יעדער לאָגיש דענקנ-דיקער און ערלעכער מענטש—פון וואָסער גלויבן און פון וואָסער נאַציע ער זאָל ניט זיין—וועט ענטפערן, אַז דער יידישער אַרבעטער טיילט זיך מיט גאָרניש אָפּ פון זיינע אַנדערע ברידער אין מצב.

זאָל זיין אמת, אַז צווישן יידן זיינען פאַראַן אין אַ נישטיקן פּראָצענט וואָכערער, פאַבריקאַנטן, סוחרים, מייסטערס און אַנדערע ענלעכע עקספּלואַטאָרס. דערפאַר אָבער וואָס פאַר אַן אומגעהייערע צאָל פּראָלעטאַריער פאַרמאָגן יידן! די סטאַטיסטישע ציפערן

ווײַזן גאַנץ בולט, אַז ס'איז ניטאָ כּמעט קיין איין מלאָכה, מיט וועלכער ייִדן זאָלן ניט זײַן באַשעפֿטיקט; דעריבער, אויב אַלץ זאָגט עדות, אַז דער ייִדישער אַרבעטער איז פּונקט אַזאַ קנעכט פֿון קאַפּיטאַל, ווי דער אַרבעטער פֿון יעדער אַנדער רעליגיע, פֿרעגט זיך: צי איז באַרעכטיקט נאָך דעם אַלעמען די אויבן געבראַכטע באַהויפּטונג, וואָס אייניקע מאַכן? עס איז דוכט מיר ניטאָ קיין מינדסטער ספֿק, אַז אַזאַ מיינונג איז פּונקט אַזוי נאַריש און אומגעלומפּערט, ווי ווען איינער זאָל באַהויפּטן, אַז ס'איז אַ חטא און אַ פֿאַרברעך פֿאַר אַ מענטשן צו פֿאַרטיידיקן זיך פֿון אַן אָנפֿאַל אָדער סכּנה. אויב דעם ייִדישן אַרבעטער שטייט פֿאָר דער זעלביקער קאַמף, ווי אַלע אַנדערע, טאָ ווער זשע וועט פֿאַר אים קעמפֿן, אויב ניט ער אַליין?

עס בלײַבט איצט צו פֿאַרענטפֿערן די ווײַטערדיקע פֿראַגע: צי פֿאַרדינט די ייִדישע אינטעליגענץ אַ פֿאָרוואורף דערפֿאַר, וואָס זי פֿאַרנעמט זיך מיט אומלעגאַלער אַרבעט? זאָגט, מײַנע הערן, וואָס וואָלטן מיר אַ שטייגער געטאָן, ווען פֿאַר אונדזערע אויגן וואָלט געווען אַ מענטש, וואָס לײַדט יסורים פֿון אַ שרעקלעכער קראַנקייט, און מיר זײַנען אין שטאַנד אים אויסצוהיילן? מיר דוכט, אַז מיר וואָלטן אַ מינוט ניט געטראַכט און אָנגעווענדט אַלע מיטלען בכדי ווי ניט איז דעם מענטשן צו ראַטעווען. לכן, אויב וואָס אַ טאָג לאָזן זיך הערן אַלץ העכער און העכער די וויגעשרייען פֿונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס רופֿט נאָך הילף; אויב דער דרוק פֿון קאַפּיטאַל רופֿט זיך אָפּ וואָס אַ טאָג אַלץ מער אויף דער אַרבעטער־מאַסע; אויב דער בעסטער, פּראָגרעסיווער טייל פֿון אונדזער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס בוקט זיך ניט פֿאַרן עגל הזהבֿ, האָט מיט אַ שאַרפֿן אויער דערהערט די דאָזיקע געשרייען, האָט דערלאַנגט דער אַרבעטער־מאַסע די רעטונגסהאַנט און איז שטענדיק גרייט זיך מקריבֿ צו זײַן פֿאַר דער באַפֿרײַונג פֿון די אונטערדריקטע, — צי קען מען נאָך דעם אַלעמען באַשולדיקן די ייִדישע אינטעליגענץ?

איצט, אויב אונדזער סטאַטיסטיק ווײַזט אָן ריכטיק, אַז עס איז כּמעט ניטאָ קיין איין פֿאַך, וואָס ייִדן זאָלן ניט זײַן אין אים באַשעפֿטיקט, לאָמיר פּרוּוון אויפֿדעקן, פֿאַר וואָס רופֿט אָן די רוסישע רעגירונג די ייִדן, פּונקט ווי די בורזשואַזיע טוט עס, מיט אַזעלכע ניט זייער בכּבֿודיקע נעמען, ווי „זשיד, עקספּלואַטאַטאָר, שווינדלער אאַז"וו? פֿאַר וואָס פֿאַרהאַסט מען און מען רודפֿט די ייִדן אין רוסלאַנד? שוין זשע דערפֿאַר, ווי עס זאָגן די פֿרומע, וואָס ייִדן זײַנען אַרויס פֿון זייערע נאַציאָנאַלע ראַמען, וואָס זיי האָבן זיך צו פֿיל צונויפֿגעמישט מיט די קריסטן, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן רוסיש, עסן חזיר און דאָס גלײַכן? שוין זשע אונטערדריקט מען די ייִדן איבער אַזעלכע נאַרישע סיבות? צי קלעקט דען ניט קיין חזיר אויך פֿאַר קריסטן? אָדער צי ווערט דען קאַליע די רוסישע שפּראַך דערפֿון, וואָס אויך ייִדן רעדן אויף איר? לאָמיר אַ קוק געבן, צי זײַנען ניט פֿאַראַן מער גרינדלעכע סיבות, הגם מען מוז מודה זײַן, אַז אויך דערבײַ איז דאָ אַ נאַציאָנאַלער אונטערשלאַק. מען קען אויך ניט לייקענען, אַז ייִדן האָבן אין משך פֿון זייערע לאַנגיאָריקע וואַנדערונגען כּמעט איבער דעם גאַנצן כּדור־הארץ באַוויזן זיך אײַנצושאַפֿן אייניקע אומסימפּאַטישע מידות. אָבער דאָס איז נאָך ניט די הויפּט־סיבה.

די הויפּט־סיבה פֿון די ייִדישע צרות — אומעטום, אַזוי אויך אין רוסלאַנד—ליגט אין די עקאָנאָמישע תּנאים. דאָס איז אַ פֿאַקט, וואָס ווערט אָן שום ספֿק באַשטעטיקט פֿון דער געשיכטע: אין אַלע מלוכות און אין אַלע צײַטן, אומעטום וווּ דער ייִד איז געקומען, האָט מען אים פֿאַרטראָגן נאָר אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל ער האָט געבראַכט אומבאַשטרײַטבאַרן נוצן דער מלוכה. אָבער ווי נאָר דער ייִד האָט גענומען שטערן דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, פֿלעגט זיך קעגן אים אויפֿהייבן אַ מלחמה: מען פֿלעגט אים אונטערדריקן, רודפֿן, באַרויבן, אַרויסטרײַבן וכדומה. דאָס אייגענע איז אויך אין רוסלאַנד. כּל זמן די ייִדן האָבן אין רוסלאַנד געהאָלפֿן אַנטוויקלען דעם קאַפּיטאַליזם, האָט מען זיי פֿאַרטראָגן. אָבער ווי נאָר זיי זײַנען געוואָרן קאָנקורענטן, האָט מען זיי גענומען

רודפֿן ווי די סאַמע געפּערלעכסטע מענטשן פֿאַר דער מלוכה. די רוסישע רעגירונג ווייס אויסגעצייכנט, אויף וויפֿל די ייִדן זײַנען פּעיִקער פֿון דער איבעריקער באַפֿעל-קערונג אויפֿן געביט פֿון האַנדל און אינדוסטריע; דעריבער, בכדי ניט צו דערלאָזן די שטאַרקע קאָנקורענץ מצד די ייִדן פֿאַר דער רוסישער קליין-בורזשואַזיע, נעמט די רוסישע רעגירונג און הייבט אָן דריקן די ייִדן, פֿאַרטרײַבט זיי פֿון די גרויסע שטעט, פֿאַרווערט זיי צו זײַן שענקערס, וואָכערערס און אאַז״וו. זי טוט עס, ווי ס׳ווערט געזאָגט אין אירע געזעצן, דערפֿאַר, וואָס די ייִדן עקספּלואַטירן צו פֿיל דעם „נאַראָד״, די רוסישע פֿאָלקסמאַסע. אָבער צי איז דען דער רוסישער „קולאַק״ אָדער שענקער בעסער? סײַדן זיי זייגן ניט אַרויס דאָס בלוט פֿון זייער פֿאָלק? — אַ באַווײַז דערפֿאַר, אַז די ייִדן טרײַבט מען אַרויס פֿון די גרויסע שטעט איבער זייער קאָנקורענץ מיט דער קליין-בורזשואַזיע, קען דינען דער פֿאַקט, וואָס [ייִדישע] פֿאַבריקאַנטן און גרויסע סוחרים האָבן יאָ רעכט צו וווינען אַפֿילו אין סאַמע פּעטערבורג, ווו עס וווינט דער ערדגאָט אַליין!

ווי אַ רעטונגס-מיטל פֿון אַזאַ אומאָנגענעמער לאַגע האָט מען פֿאַר ייִדן אויסגעפֿונען אַ מקום-מקלט אין דער „הייליקער פּאַלעסטינע״, ווו ייִדן האַלטן, אַז זיי האָבן רעכט צו לעבן, מחמת דאָרטן ליגן באַגראָבן זייערע אָבות, וואָס האָבן פֿאַרבראַכט דאָ עטלעכע גליקלעכע יאָר. עס איז פֿאַרשטענדלעך און ס׳איז קיין חידוש ניט, וואָס דאָס אָרעמע ייִדישע פֿאָלק לאָזט זיך דורך דעם פֿאַרפֿירן: אין אים לעבט דער ווונטש כאָטש איין מאָל צו באַפֿרײַען זיך פֿון די טויזנטיאָריקע רדיפֿות; דאָס פֿאָלק גלייבט, אַז אַמאָל וועט קומען „משיח״ און וועט אַלע ייִדן אַרויספֿירן קיין פּאַלעסטינע און אַז נאָר דעמאָלט וועט זיך אָנהייבן אַן אָנשטענדיק מענטשלעך לעבן. און אָט האָבן זיך געפֿונען •גרייטע פֿירער פֿאַר אים, הײַנו די „פּאַלעסטינצעס״. אָבער אויב דאָס אָרעמע ייִדישע פֿאָלק וואָלט געקאָנט זיך נעענטער צוקוקן צו יענעם שרעקלעכן לעבן, וואָס דערוואַרט אים דאָרט, וואָלט עס זיכער אויפֿגעהערט צו טרוימען וועגן דעם.

מען וואָלט געקענט מיטפֿילן דער דאָזיקער באַוועגונג אין דעם פֿאַל, ווען די טויזנטיאָריקע דערפֿאַרונג וואָלט ניט באַוויזן, אַז אויף דער וועלט איז ניטאָ אַזאַ ווינקל, ווו ייִדן, ווי נאָר זיי האָבן זיך דאָרט באַוויזן, זאָלן ניט האָבן געגעבן אַ שטויס דער אַנטוויקלונג פֿון קולטור, און פֿונדעסטוועגן האָט מען ערגעץ ניט אָנערקענט זייערע געזעצלעכע רעכט צו פֿאַרבלײַבן וווינען אין דעם אָרט, ווי פֿולבאַרעכטיקטע בירגער. ווער קען זאָגן, אַז אין פּאַלעסטינע וועט זיך ניט איבערחזרן דאָס אייגענע! מען וואָלט געקענט מסכים זײַן מיט דער אידעע פֿון די „פּאַלעסטינצעס״, אויב עס וואָלט מעגלעך געווען צו באַזעצן אין פּאַלעסטינע אַלע ייִדן און אײַנפֿירן צווישן זיי אַלגעמיינע גלײַכהייט, ברידערלעכקייט און פֿרײַהייט אין בוכשטעבלעכן זינען פֿון וואָרט; דעמאָלט וואָלטן מיר געקענט זאָגן, אַז עס וועלן (דאָרטן) ניט זײַן קיין אָרעמע לײַט, אַז אַלע גלײַך וועלן גליקלעך לעבן. עס פֿרעגט זיך אָבער, צי וואָלטן די „פּאַלעסטינצעס״ דאָס געקענט פֿאַרווירקלעכן, ווען זיי זאָלן עס אַפֿילו וועלן? — לאָמיר זיך ווענדן נאָך אַן ענטפֿער צו דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט.

מיר זעען, אַז דורך דער גאַנצער געשיכטע גייט אַ קאַמף צווישן מענטשן פֿאַר פּריוואַט-אייגנטום, ד״ה אַז די סיבה פֿון קאַמף איז די עקאָנאָמישע אומגלײַכהייט. פֿרעגט זיך דעריבער, וואָס פֿאַראַ גלײַכהייט קען מען דערוואַרטן אין פּאַלעסטינע, אויב די מענטשן דאָרטן, פּונקט ווי דאָ, קויפֿן זייערע פּאָזיציעס פֿאַר געלט: ווער ס׳איז רײַכער אין געלט, יענער איז רײַכער אין ערד, וואָס שפּילט דאָרט, דאַרף מען זאָגן, די הויפּט-ראָלע. אַ מענטש מיט גרויסע קאַפּיטאַלן איז בכּוח צו פֿאַרכאַפּן מער באָדן, און אַ מענטש מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל אָדער גאָר אָן קאַפּיטאַל וועט דאָרטן לעבן אין דחקות און הונגער, אפֿשר נאָך מער ווי אין רוסלאַנד. יאָ, מײַנע הערן, אויב די „פּאַלעסטינצעס״ זײַנען מודה, אַז דאָרט וועט הערשן די זעלביקע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, די פֿאַבריקן

דער אַגיטאַטאָר זײַן אַן אמתער „קאָכלעפֿל", וואָס מישט זיך אומעטום. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די בעלי־בתּים וועלן זיי גוט קענען און וועלן זיי מיט אַלע כּוחות אָנהייבן צו רודפֿן. יע, וועגן דער פֿראַגע האָבן מיר אַ סך געטראַכט, מעגלעך אַ סך מער, ווי איר מיינט, און מיר ווייסן, אַז ניט איין אַגיטאַטאָר וועט אויסקומען אַ סך צו לײַדן פֿאַר זײַן איבערגעגעבנקייט דער אַרבעטער־מאַסע. אָבער וואָס קען מען טאָן? מיר וואָלטן מיטן גאַנצן האַרצן געוואָלט, אַז די אַגיטאַטאָרן זאָלן אויפֿהייבן די מאַסע צום קאַמף פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון איר לאַגע און זיי אַליין זאָלן דערבײַ אויף אַ האָר ניט לײַדן. איז עס אָבער אונדזער שולד, ווען דאָס איז ניט מעגלעך? מיר האַלטן יענעם, וואָס מיינט צו ווירקן פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון דער אַרבעטער־לאַגע און דערבײַ אַליין גאָר ניט לײַדן, פֿאַר אַ שוטה אָדער פֿאַר אַ צבֿועק, און פֿאַרשטייט זיך, ניט צו אַזעלכע פּערזאָנען ווענדן מיר זיך מיט אונדזער בריוו. מיר ווענדן זיך צו יענע אַרבעטער, וואָס זײַנען באַגײַסטערט פֿונעם ווילן מקריבֿ צו זײַן דאָס לעבן פֿאַר פֿאַרבעסערן דעם מצבֿ פֿון דער היגער אַרבעטער־מאַסע. נאָר אַזעלכע אַרבעטער שלאָגן מיר פֿאָר אונדזער וועג און מיר האָפֿן, אַז זיי וועלן זיך מיט אים באַנוצן, ניט געקוקט אויף די לײַדן, וואָס זײַנען דער־מיט פֿאַרבונדן.

דאָס איז נאָך ניט אַזאַ בייז — וועלן אייניקע פֿון אײַך זאָגן, — ווען נאָר אייניקע אַרבעטער, די אַגיטאַטאָרן און אָנפֿירער, וועלן לײַדן בײַ דעם קאַמף, וואָס די אַרבעטער פֿירן פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון זייער לאַגע, אָבער עס איז דאָך מעגלעך, אַז עס וועלן לײַדן *אַלע* אַרבעטער, וואָס פֿירן די אַגיטאַציע, ד״ה די, וואָס קומען אויף די שבתדיקע פֿאַרזאַמלונגען, און היות ווי פֿון אײַערע ווערטער איז צו זען, אַז אין די שבתדיקע שמועסן דאַרפֿן זײַן באַטייליקט אַ באַדײַטיקער טייל אַרבעטער, דעמאָלט לוינט אפֿשר גאָר ניט צו ברענגען אַזאַ באַדײַטיקע צאָל אַרבעטער אין סכּנה, בכדי מיט זייערע לײַדן זיך צו דערשלאָגן וועלכע ס'ניט איז קליינע פֿאַרבעסערונגען פֿאַר אַלע אַרבעטער? וואָס וועט איר, אינטעליגענטן, ענטפֿערן אויף די דאָזיקע ווערטער?

אויף דעם וועלן מיר אײַך ענטפֿערן, אַז אין גאַנצן אָן קרבנות (פּערזענלעכע לײַדן) קען קיין שום קאַמף זיך ניט באַגיין. ווען דער קאַמף וואָלט געווען אַזאַ פֿרידלעכער ענין, אַז עס וואָלט קיינעם ניט פֿאַרשאַפֿט קיין יסורים, וואָלט די וועלט שוין לאַנג געהאַט אַן אַנדער פּנים און וואָלט גאָר ניט געווען ענלעך צו דער, אין וועלכער מיר לעבן איצט: עס איז אַלעמען באַקאַנט, אַז *קאַמף* פֿאָדערט *פּערזענלעכע לײַדן* און אַז דאָס איז *איינע* פֿון די סיבות, וואָס דער אונטערדריקטער מאַסע איז אַזוי שווער זיך אויפֿצוהייבן קעגן די אונטערדריקער. נאָר ווען די מאַסע הייבט אָן צו פֿילן דעם יאָך, נעמט זי זיך אים אָפּצושוואַכן. איר זעט בכן, אַז די פֿראַגע איז צו וויכטיק, מיר זאָלן וועגן איר ניט טראַכטן, מיר זײַנען אָבער איבערצײַגט, אַז דער פֿאָרגעלייגטער קאַמף וועט פֿאָדערן ווייניק קרבנות, אַזוי ווייניק, אַז דאָס וועט האָבן גאָר אַ קליינע ווירקונג אויף דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג. ערשטנס דערפֿאַר, וואָס צווישן די אויבן דערמאָנטע פֿאַרבעסערונגען אין אַרבעטער־לעבן זײַנען פֿאַראַן אַ סך אַזעלכע ניט קיין באַדײַטיקע, וואָס די בעלי־בתּים וועלן זיך צוליב זיי ניט שטאַרק שטעלן אַנטקעגן און וועלכע עס וועט דעריבער ניט שווער זײַן דורכצופֿירן; צווייטנס, און אויף דעם דאַרפֿן מיר אָנווײַזן, אַז בײַ *אַ מאַסן־אַגיטאַציע* וועט זײַן מעגלעך צו דערגרייכן מער ווי ביז אַהער, און דערבײַ וועלן זײַן ווייניקער קרבנות. די שטרעבונג צו פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון די היגע אַרבעטער איז אין אמתן *גאָר ניט נײַ*, שוין *לאַנג* קעמפֿן די היגע אַרבעטער פֿאַר העכערן די שכירות און קירצן דעם אַרבעטסטאָג, נאָר מיט וואָס פֿאַר אַ *מיטלען* האָבן זיי דערפֿאַר געקעמפֿט? אַ הײַפֿל אַרבעטער האָבן זיך געלערנט בײַ די אינטעליגענטן און זיי האָבן נאַטירלעך גוט פֿאַרשטאַנען און געפֿילט די נויטווענדיקייט צו העכערן די שכירות און קירצן דעם אַרבעטסטאָג אאַז״וו. אָבער זיי האָבן ווייניק געזאָרגט דערפֿאַר, אַז אויך די *אַנדערע* אַרבעטער זאָלן אַזוי פֿילן און אַזוי פֿאַרשטיין, און היות

ווי זיי האָבן מיט זייערע אייגענע כּוחות זיך גאָרנישט געקענט דערשלאָגן, האָבן זיי זיך (דאָך) באַמיט מיטצושלעפּן די מאַסע מיט זיך, האָבן אײַנגעאָרדנט עקסטרע פֿאַרזאַמלונגען; איינער פֿון דעם הײַפֿל אַרבעטער פֿלעגט דורכלייענען אַ פֿײַערדיקע רעדע, אויפֿן מאָמענט פֿלעגט די מאַסע ווערן אָנגעצונדן, אָבער די באַגײַסטערונג פֿלעגט באַלד ווידער ווערן אָפּגעקילט און די מאַסע האָט ווידער אויפֿגעהערט צו פֿילן די נייטיקייט אַרויסצושטעלן די זעלביקע פֿאָדערונגען, וואָס עס האָבן פֿאַרלאַנגט דאָס הײַפֿל אַרבעטער, און איניקע פֿון זיי האָבן טאַקע דערפֿון געליטן. און פֿונדעסטוועגן, ניט געקוקט אויף דער נישטיקער ראָלע, וואָס די מאַסע האָט געשפּילט אין דער דאָזיקער באַוועגונג, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די גאַנצע משא איז געלעגן אויף דעם דאָזיקן הײַפֿל אַרבעטער, ניט געקוקט אויף דעם אַלעמען, האָבן מיר ניט געזען אַזאַ גרויסע צאָל קרבנות, וואָס זאָל אָפּהאַלטן די באַוועגונג. איצטער וועט איר פֿאַרשטיין, אַז ווען מיר פֿירן די אַגיטאַציע אין דער גאַנצער מאַסע, ווען די גאַנצע מאַסע און די אַגיטאַטאָרן האָבן איינע און די זעלביקע געדאַנקען, געפֿילן און שטרעבונגען, וועט זײַן מעגלעך צו דערגרייכן פֿיל מער און מיט ווייניקער קרבנות. ווען דער מײַסטער וועט אָפּזאָגן פֿון דער אַרבעט איין אַרבעטער, וועט ער אויף זײַן פּלאַץ ניט געפֿינען קיין אַנדערן, און אַחוץ דעם וועלן אַגיטירן אַזוי פֿיל מענטשן, אַז ער וועט ניט וויסן וועמען אָפּצוזאָגן. דאָס, וואָס ביז אַהער זײַנען געווען ווייניק קרבנות און וואָס ווען עס וועט געפֿירט ווערן די אַגיטאַציע, וועט זייער צאָל זײַן נאָך קלענער, ליגט אין דער נאַטור פֿון דער מלאָכה־פּראָדוקציע.

אײַך זיינען גוט באַקאַנט אַלע סיבות, צוליב וועלכע עס איז שווערער צו פֿירן אַ קאַמף קעגן די בעלי־בתּים אין די מלאָכה־פֿאַכן, ווי אויף דער פֿאַבריק. עס איז אָבער אַ ספֿק, צי האָט איר געטראַכט וועגן יענע אומשטאַנדן, וואָס מאַכן גרינגער דעם קאַמף אין וואַרשטאַט פֿון בעל־מלאָכה. היות ווי דאָס איז וויכטיק אין אונדזער שטרײַט, וועלן מיר וועגן דעם זאָגן אַ פּאָר ווערטער: 1) אין די פֿאַבריקן, וווּ מען קען די אַרבעטער, וואָס פֿירן דעם קאַמף, לײַכטער פֿאַרבײַטן אָדער מיט אַרבעטער פֿון דער רעזערוו - אַרמיי אָדער מיט אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך קיינמאָל ניט געאַרבעט, איז שווערער עפּעס צו דערגרייכן, ווי אין די מלאָכה־וואַרשטאַטן, וווּ דעם בעל־הבית איז ניט לײַכט צו קריגן אַרבעטער, וואָס זאָלן קענען פֿאַרנעמען די פּלעצער פֿון די שטרײַקנדיקע. 2) אין אַ שטאָט מיט אַ קליינער צאָל פֿאַבריקן, ווען מען זאָגט אָפּ אַן אַרבעטער אין איינער און אין אַ צווייטער פֿאַבריק, האָט ער שוין ניט וווּ זיך צו ווענדן; פֿאַר בעל־מלאָכהשע אַרבעטער[5] איז אָבער גרינגער צו קריגן אַרבעט, מחמת בעלי־מלאָכות [בעלי־בתּים] זײַנען פֿאַראַן אַ סך. 3) אַ פֿאַבריק־אַרבעטער, ווען מען זאָגט אים אָפּ פֿון דער אַרבעט און ער קריגט ניט קיין אַנדערע, קומט אים פּשוט אויס צו שטאַרבן פֿון הונגער; אַ בעל־מלאָכהשער אַרבעטער געפֿינט זיך אין אַזאַ פֿאַל אין אַ בעסערער לאַגע, ער קען אַרבעטן אין דער היים, אָדער, ווען ער האָט ביסל געלט, איז ער אין שטאַנד צו עפֿענען אַ וואַרשטאַט פֿאַר זיך. היות ווי די בעלי־מלאָכהשע אַרבעטער האָבן ניט וואָס מורא צו האָבן פֿאַר דער קאָנקורענץ פֿון אַרבעטער פֿון אַנדערע פֿאַכן און זיי קומט אויך אויס ווייניק צו לײַדן פֿון דער קאָנקורענץ פֿון די בעלי־מלאָכישע אַרבעטער אין אַנדערע שטעט פֿון דעם זעלביקן פֿאַך, ווענדט זיך דער רעזולטאַט פֿון קאַמף, וואָס ווערט פֿון זיי געפֿירט מיט די בעלי־בתּים, אין גאַנצן פֿון דער געשלאָסנקייט, פֿעסטקייט פֿון דער אָרגאַניזאַציע און דער אחדות, וואָס הערשט צווישן אַלע אַרבעטער פֿון פֿאַך אין דער געגעבענער שטאָט. ווען זיי פֿאַרשטייען און פֿילן די נייטיקייט פֿון דעם, וואָס ווערט געפֿאָדערט, אָדער ווען אַלע אַרבעטער פֿון דעם געגעבענעם פֿאַך פֿאַראייניקן זיך, דעמאָלט

5 פֿג״ל אין אָנהייב די הערה 2.

**קענען זיי אויספירן אַלץ, וואָס איז בײַם עקאָנאָמישן מצב אין פֿאַך נאָך מעגלעך דורכצופירן.**

לאָמיר הערן, וואָס דערציילט אונדז די געשיכטע וועגן די אָרגאַניזאַציעס פֿון די האַנטוווערקער. אין יעדער אָרגאַניזאַציע זײַנען אַלע געזעלן [6] פֿון דעם פֿאַך געווען מיטגלידער; קײַן רעזערוו-אַרמיי איז דעמאָלט (ד״ה אין 15טן און 16טן י״ה) ניט געווען; פֿאַרבײַטן אַן אַרבעטער מיט אַן אַרבעטער פֿון אַן אַנדער פֿאַך איז ניט געווען מעגלעך; דערפֿאַר איז קיין ווונדער ניט, וואָס זיי האָבן זיך געפֿונען אין אַ לפֿי-ערך גינסטיקער לאַגע אין זייער קאַמף מיט די בעלי-בתּים. צום קאַמף מיט די בעלי-בתּים האָבן די געזעלן באַנוצט אַזעלכע מיטלען: שטרײַק און באָיקאָט, ד״ה פֿאַרווערן אַלע מיטגלידער פֿון דעם דאָזיקן פֿאַך זיך צו שטעלן אַרבעטן בײַ דעם דאָזיקן מײַסטער, באַשטעלן בײַ אים אַרבעט און בכלל צו האָבן מיט אים אַ מגע-ומשא. מיט די דאָזיקע מיטלען האָט מען זיך גאָר אָפֿט באַנוצט. עס זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וואָס ווילן ווידער אויפֿריכטן די צעכן-סיסטעם, מחמת דורכדעם וואָלט פֿאַרשווּנדן דער קאַמף צווישן די אַרבעטער און די קאַפּיטאַליסטן; בײַ די דאָזיקע מענטשן וואָלטן זיך די האָר געשטעלט קאַפּויער, ווען אין דער הײַנטיקער גרויס-אינדוסטריע וואָלטן די שטרײַקן געווען אַזוי אָפֿט און די אַרבעטער וואָלטן אַזוי פֿעסט אָפּגעהיט זייערע אינטערעסן, ווי אין די הויפּטפֿאַכן אין מלאָכה אין 15טן און 16טן י״ה. נאָר דער מאַכט-אַפּאַראַט פֿון דער מאָדערנער מלוכה (ד״ה די מאַכט, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פֿון די פֿעאָדאַלן צו די אַבסאָלוטיסטישע הערשער) האָט געהאַט גענוג קראַפֿט צו קעמפֿן מיט די געזעלן. די הילף, וואָס דער אַבסאָלוטיזם האָט געגעבן פֿאַרן קאַמף מיט די אַרבעטער (געזעלן), איז געווען די ערשטע טובה, וואָס די מאַכט האָט געטאָן דער בורזשואַזיע, און די דאָזיקע הילף איז נאָך הײַנט איינע פֿון די הויפּטצילן פֿון דעם קיום פֿון די הײַנטיקע מלוכות. דעמאָלט האָט די מלוכה פֿעסטגעשטעלט טאַריפֿן פֿון אַרבעטסלוין, ד״ה מאַקסימאַלע שכירות, און זי האָט אין גאַנצן פֿאַרווערט, אָדער דורך פֿאַרשיידענע פּאָליטישע רעפּרעסיעס [אומ-מעגלעך געמאַכט] די אָרגאַניזאַציעס פֿון די לוין-אַרבעטער; דאָך האָט זי ניט געקענט בײַקומען די געזעלן. די געזעלן, ווי די בעלי-בתּים, האָבן געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ כּוח אָרגאַניזאַציע שטעלט מיט זיך פֿאָר און ווי זיי וועלן ווערן אין גאַנצן אומבאַשיצט אָן איר; דערפֿאַר האָבן זיי זיך אין איר אַזוי פֿעסט געהאַלטן און בשום אופֿן ניט געוואָלט פֿון איר אַרויסטרעטן. דאָרט, ווו עס איז ניט מעגלעך געווען צו שאַפֿן לעגאַלע, האָט מען געשאַפֿן געהיימע, אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס; די אַרבעטער האָט מען דערפֿאַר גערודפֿט און פֿאַרמשפּט צו שטרענגע שטראָפֿן, אָבער דאָס אַלץ האָט ניט געקענט צעשטערן זייערע פֿאַראייניקן. דער אויסנאַם-געזעץ קעגן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (ער איז אָפּגעשאַפֿט געוואָרן אין יאָר 1891) האָט דעם דײַטשן פּראָלעטאַריאַט פֿאַרשאַפֿט אַ סך צרות, אָבער די דאָזיקע רעפּרעסיעס זײַנען גאָרנישט אין פֿאַרגלײַך מיט די לײַדן און צרות, וואָס עס האָבן געהאַט אויסצושטיין די אַרבעטער (געזעלן) אין די לעצטע יאָרהונדערטער און אין אייניקע לענדער ביז צום מיטן הײַנטיקן יאָרהונדערט. ניט געקוקט אויף דעם, האָבן זיי דאָס אַלץ אַריבערגעטראָגן און האָבן דערפֿירט ביזן סוף דעם קאַמף מיט די בעלי-בתּים (קאַוּטסקי, „ערפֿורטער פּראָגראַם“, קאַפּיטל: „די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין פֿאַרבינדונג מיט דער קלאַסן-לאַגע פֿונעם פּראָלעטאַריאַט“).

אַ ביסל ווײַטער דערקלערט דער זעלביקער מחבר, אַז אויף די פֿאַבריקן זײַנען פֿאַראַן צוויי סאָרטן אַרבעטער: אַזעלכע, וואָס קענען דעם פֿאַך און וועמען עס איז שווער צו פֿאַרבײַטן, און אַנדערע, וועלכע קענען ניט קיין שום פֿאַך און פֿירן אויס אַזאַ אַרבעט, וואָס פֿאָדערט ניט קיין צוגרייטונג (ניט-קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער), און וועלכע מען קען דערפֿאַר גרינג פֿאַרבײַטן מיט נײַע. ווײַטער שרײַבט ער בזה הלשון: „דער אַרבעטער-

6 פֿג״ל די אָנגעוויזענע הערה.

קלאַס קעמפּט פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון זײַן לאַגע, די הויפּטראָלע אין דער דאָזיקער באַוועגונג שפּילן די קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער (ד"ה יענע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט אַ באַשטימטן פֿאַך). מחמת זייער בעסערער לאַגע האָבן זיי די קראַפֿט צו קעמפֿן קעגן דעם קאַפּיטאַל און פֿאַר דער בהדרגהדיקער באַפֿרײַונג פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס פֿון זײַן יאָך, און שוין ניט איין מאָל האָבן זיי באַוויזן זייער כּוח אין קלאַסנקאַמף. זייער לאַגע איז אין אַ סך פּרטים ענלעך צו דער לאַגע פֿון די געזעלן; די קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער האָבן בײַ די געזעלן געירשנט די פֿאָרמען פֿון דער אָרגאַניזאַציע, ווי אויך די מיטלען פֿון קאַמף קעגן די בעלי-בתּים (דער שטרײַק איז אַן אַנטדעקונג פֿון די געזעלן — זיי זײַנען געווען די ערשטע, וואָס האָבן עס אויסגעטראַכט); די איצטיקע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, וואָס פֿירן אַן עקאָנאָמישן קאַמף, און באַזונדערס די ערשטע אָרגאַניזאַציעס פֿון די פֿאַך-אַרבעטער שטאַמען דירעקט פֿון די חבֿרות פֿון די געזעלן. די לוין-אַרבעטער האָבן זייערע פֿאָרשטעלונגען וועגן אָרגאַניזאַציע איבערגענומען דירעקט פֿון די אָרגאַניזאַציעס פֿון די פּועלים". מיר גלייבן, אַז איר וועט אונדז מוחל זײַן דאָס בלעטל געשיכטע, וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט, מחמת דאָס ווײַזט אונדז, אַז ווען די מאַסע פֿילט דעם נוצן פֿון פֿאַראייניקונג און אָרגאַניזאַציע, דעמאָלט האַלט זי זיך בײַ זיי פֿעסט, און דעמאָלט האָבן די אָרגאַניזאַציעס אַ גרויסן כּוח, וואָס קען באַשטיין קעגן אַלץ און וואָס פֿאַרבעסערט דעם מצבֿ פֿון דער מאַסע. קרבנות זײַנען פֿאַראַן ניט ווייניק, אָבער די באַוועגונג האַלט עס ניט אָפּ.

מיר וועלן איצט איבערגיין צו אַ צווייטן פּונקט. דער צווייטער ציל, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשטעלט, איז: צו אַנטוויקלען בײַ דער היגער מאַסע בעלי-מלאָכות דעם חשק צו בילדונג. וואָס האָבן מיר דאָ צו טאָן? ווען עס דערשײַנט אין דרוק אַ נײַ ביכל פֿון נאַטור-וויסנשאַפֿט אָדער בעלעטריסטיק מיט אַ געזעלשאַפֿטלעכן אינהאַלט, דאַרף דער אָנפֿירנדיקער אַגיטאַטאָר באַקענען דערמיט די אַרבעטער, וואָס קומען צו די שבתדיקע „זאַניאַטיעס", דערקלערן, וואָס פֿאַר אַ פֿראַגן עס ווערן אין בוך באַרירט, און דערנאָך דאַרף ער אַליין און אויך דורך אַלע אַרבעטער-אַגיטאַטאָרן פֿאַרשפּרייטן די ביכלעך צווישן יענע אַרבעטער, ווו זיי פֿירן די אַגיטאַציע. אויב אַן אַגיטאַטאָר געפֿינט, אַז עס וואָלט געווען נוצלעך פֿאַר די אַרבעטער, זיי זאָלן לייענען אַ באַשטימט ביכל, דאַרף ער זיך באַמיען, אַז אַלע אַרבעטער, צווישן וועמען ער פֿירט די אַגיטאַציע, זאָלן עס דורכלייענען. די אַגיטאַטאָרן דאַרפֿן אויסקלײַבן די בעסטע ביכער פֿון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור און זען זיך סטאַרעווען, אַז די מאַסע זאָל עס לייענען. אַחוץ דעם דאַרפֿן די אַגיטאַטאָרן-אָנפֿירער אויף די שבתדיקע „זאַניאַטיעס" דערקלערן די אַרבעטער איינציקע געזעצן פֿון דער נאַטור-געשיכטע. די דאָזיקע געזעצן דאַרפֿן זיי אַזוי קלאָר פֿאַרשטיין, אַז זיי זאָלן עס קענען איבערדערציילן פֿאַר אַנדערע. די אַרבעטער, וואָס קומען אויף די שבתדיקע פֿאַרזאַמלונגען, דאַרפֿן אויסנוצן יעדע געלעגנהייט צו דערציילן וועגן דעם זייערע באַקאַנטע אַרבעטער. אַזוי אַרום וועלן די אַרבעטער, וואָס באַזוכן די שבתדיקע פֿאַרזאַמלונגען, ווערן טרעגער פֿון בילדונג אין דער מאַסע און ביסלעכווײַז וועלן זיי בײַ איר אַנטוויקלען דעם חשק צו בילדונג.

דער דריטער ציל, צו וועלכן מיר סאָציאַל-דעמאָקראַטן דאַרפֿן שטרעבן, באַשטייט אין דעם צו אַנטוויקלען בײַ דער מאַסע דאָס באַוווּסטזײַן פֿון אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן. וועלכן מין באַוווּסטזײַן קענען מיר פֿאַרשפּרייטן בײַ דער היגער מאַסע בעלי-מלאָכות בײַ זייער איצטיקן עקאָנאָמישן מצבֿ? ווי סאָציאַל-דעמאָקראַטן זײַנען מיר איבערצײַגט, אַז אין יעדער באַשטימטער צײַט קען דאָס באַוווּסטזײַן פֿון דער אַרבעטער-מאַסע דערגיין נאָר ביז אַ באַשטימטן גרענעץ, וועלכן ער קען ניט אַריבערטרעטן, ניט געקוקט דערויף, וואָס איינציקע איינצלנע פּערזענלעכקייטן מאַכן אָנשטרענגונגען, כּדי אַריבערצופֿירן די מאַסע איבער אָט דעם גרענעץ. דער דאָזיקער גרענעץ פֿאַרן באַוווּסטזײַן פֿון דער מאַסע ווערט באַשטימט דורך איר עקאָ-

נאַמישער לאַגע, ד״ה אַז אין יעדער באַשטימטער עפּאָכע קומען אויף אידעען, וואָס ווערן אַרויסגערופֿן פֿון לעבן גופֿא און וועלכע די מאַסע אַרבעטער קען אָרגאַניש באַנעמען, און אויך אַזעלכע אידעען, וואָס די מאַסע קען זיי ניט באַנעמען, ניט געקוקט אויף אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען צו פֿאַרשפּרייטן די דאָזיקע אידעען אין דער מאַסע. די מאַסע קען פֿאַרשטיין נאָר אַזעלכע טעאָרעטישע פּרינציפּן, פֿון וועלכע זי זעט דירעקט וואָס זי האָט צו טאָן, כּדי צו פֿאַרבעסערן איר לעבן, און דאָס לעבן אירס הענגט אין גאַנצן אָפּ, ווי מיר ווייסן, פֿון איר עקאָנאָמישער לאַגע; דערפֿאַר קען די מאַסע אין יעדער באַשטימטער צײַט פֿאַרשטיין נאָר אַזעלכע אידעען, וואָס האָבן אַ שײַכות צו איר עקאָנאָמישער לאַגע אין דער געגעבענער צײַט און וועלכע ווײַזן איר דעם וועג, ווי צו פֿאַרבעסערן איצט די דאָזיקע לאַגע. דאָס איז די סיבה דערפֿון, וואָס דער עקאָנאָמישער מצבֿ שטעלט אין יעדער באַשטימטער עפּאָכע אַ גרענעץ, וואָס דאָס באַוווּסטזײַן פֿון דער אַרבעטער-מאַסע קען אים ניט אַריבערטרעטן.

מיר בעטן דעם לעזער ניט פֿאַרגעסן וועגן דעם, אַז איצט קענען מיר שוין ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע וועגן דעם אופֿן פֿון באַוווּסטזײַן, וואָס מיר קענען פֿאַרשפּרייטן און אַנטוויקלען אין דער היגער מאַסע בעלי-מלאָכות. בײַ דער היגער מאַסע אַרבעטער אין די מלאָכה-פֿאַכן קענען מיר פֿאַרשפּרייטן און אַנטוויקלען דאָס באַוווּסטזײַן פֿון איר איצטיקן עקאָנאָמישן מצבֿ. דער גרענעץ פֿון באַוווּסטזײַן, וואָס צו אים קען די מאַסע דערגרייכן, מוז אין דער זעלביקער צײַט זײַן דער גרענעץ פֿון די אידעען, וואָס מען וויל פֿאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן. מיר ווילן דעם דאָזיקן ענין אויפֿקלערן מיט אייניקע בײַשפּילן. קען מען דען אין דער איצטיקער צײַט, למשל, פּראָפּאַגאַנדירן צווישן דער היגער אַרבעטער-מאַסע, אַז דער קאַפּיטאַליזם וועט סוף-כּל-סוף אונטערגיין און אַז אויף זײַן אָרט וועט אויפֿקומען אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג? געוויס ניט, מחמת די דאָזיקע אידעע רירט ניט אָן איר לעבן, מחמת זי קען דערפֿון פֿאַר זיך ניט מאַכן קיין איין איינציקן פּראַקטישן אויספֿיר. אויף די אַגיטאַטאָרן, וואָס וועלן וועלן פֿאַרשפּרייטן אין דער מאַסע סאָציאַליסטישע אידעען, וועט די מאַסע קוקן ווי אויף פֿאַנטאַזיאָרן, וואָס ווילן זיי בלויז פֿאַרדרייען אַ קאָפּ און מיט וועמען מען קען זיך אין גאַנצן ניט צונויפֿריידן. אויב די אַגיטאַטאָרן וועלן פּרוּוון מיט גוואַלד אַרײַנהאַקן דער מאַסע אין קאָפּ באַוווּסטזיניקייט, וועלן זיי פֿאַרלירן די השפּעה אויף דער מאַסע און וועלן ניט זײַן בכּוח דורכצופֿירן אַפֿילו דאָס, וואָס איז מעגלעך. קען מען אַנטוויקלען בײַ דער היגער מאַסע דאָס קלאַסן-באַוווּסטזײַן? דאָס הייסט, צי קען די היגע מאַסע בעלי-מלאָכות זיך דערהייבן צום באַוווּסטזײַן פֿון דער סאָלידאַריטעט פֿון אירע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער פֿון דער גאַנצער וועלט? אַז זיי בילדן אַ קלאַס, וועמענס עקאָנאָמישער מצבֿ קען ניט ווערן בעסער, כּל זמן עס עקסיסטירט די קאַפּיטאַ-ליסטישע אָרדענונג? אַז זייערע אינטערעסן זײַנען אין אַ סתירה צו די אינטערעסן פֿון אַלע קאַפּיטאַליסטן פֿון אַלע לענדער, ד״ה פֿון דעם קלאַס קאַפּיטאַ-ליסטן? קען די מאַסע דערגיין צום באַוווּסטזײַן, אַז דער פּראָגרעס אין דער פּראָדוקציע וואַרפֿט אַרײַן דעם אַרבעטער אין אַלץ אַ גרעסערער אָרעמקייט און אומזיכערקייט, און אַז זיי דאַרפֿן זיך אָנשטרענגען כּדי צו פֿאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט צום קאַמף מיטן קאַפּיטאַליזם? אַז די אמתע ישועה פֿאַר די אַרבעטער באַשטייט אין דער פֿאַראייניקונג און דער אָרגאַניזאַציע פֿון די אַרבעטער פֿון אַלע לענדער, כּדי צו בילדן אַזאַ כּוח, וואָס זאָל צעשטערן דעם קאַפּיטאַליזם און אײַנפֿירן אַ נײַעם עקאָ-נאָמישן סדר, ד״ה דעם סאָציאַליזם? אַזאַ מין באַוווּסטזײַן, וואָס מיר רופֿן אָן קלאַסן-באַוווּסטזײַן, קען אויפֿקומען בײַ דער אַרבעטער-מאַסע נאָר יעמאָלט, ווען אירע אינטערעסן שטויסן זיך כּסדר צונויף מיט די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער אין אַנדערע שטעט, אין פֿרעמדע לענדער, פֿון אַרבעטער, וואָס זײַנען באַשעפֿטיקט גאָר אין אַנדערע מיני פֿאַבריקן, ווען די מאַשינעס פֿאַרבײַטן און וואַרפֿן אַרויס טעגלעך טויזנטער

אַרבעטער, ווען די ווירטשאַפטלעכע אינדוסטריעלע קריזיסן ברענגען אַ סך צרות פאַר ביידע קלאַסן אאַז״וו.

דאָ אָבער קאָנקורירן צווישן זיך דער עיקר נאָר די היגע אַרבעטער, די קאָנקורענץ פון אַנדערע שטעט אַקעגן האָט ניט קיין גרויסע באַדייַטונג, מחמת זי הערשט בלויז צווישן די אַרבעטער פון איין און דעם זעלביקן פאַך. ווייַל אויף צו פאַרבעסערן די לעבנס-באַדינגונגען פון די אַרבעטער איז גענוג, אַז די אַרבעטער פון יעדן באַזונדערן פאַך זאָלן זיך פאַראייניקן צו פירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף מיט אַלע בעלי-בתים פון זייער פאַך. וועלן דערפאַר טאַקע די היגע אַרבעטער אין זייער באַוווסטזייַן דערגיין [נאָר] אַזוי ווייַט, אַז די אינטערעסן פון אַלע אַרבעטער פון יעדן באַזונדערן פאַך זייַנען סאָלידאַרישע און אַז זיי שטייען אין סתירה צו די אינטערעסן פון די בעלי-בתים, וואָס עקספּלואַטירן די אַרבעטער, זיי וועלן דערגיין צום באַוווסטזייַן פון דער נייטיקייט אויף ווי ווייַט מעגלעך צו באַזייַטיקן די קאָנקורענץ צווישן די אַרבעטער אאַז״וו. אָבער דאָס קלאַסן-באַוווסטזייַן אין דעם זינען, ווי מיר האָבן עס פריער דערקלערט, וועט פאַר דער היגער מאַסע בעלי-מלאָכות (געזעלן) בייַ איר איצטיקן מצב בלייַבן אַ פאַרחתמעטער ספר, דאָס הייסט — זיי וועלן עס ניט תופס זייַן. מיר פאַרשטייען בכן די ווערטער: מיר דאַרפן פאַרשפּרייטן און אַנטוויקלען אין דער מאַסע דאָס באַוווסטזייַן וועגן אירע איצטיקע עקאָנאָמישע אינטערעסן — אין אַזאַ זינען: מיר דאַרפן אין דער היגער אַרבעטער מאַסע פאַרשפּרייטן דעם באַגריף וועגן עקספּלואַטאַציע (מערווערט), די פאָרשטעלונג וועגן דעם, אַז זייערע אינטערעסן געפינען זיך אין אַ קעגנזאַץ צו די אינטערעסן פון די בעלי-בתים, די פאָרשטעלונג וועגן דער סאָלידאַריטעט פון די אינטערעסן פון אַלע אַרבעטער אין יעדן פאַך, די באַגריפן וועגן אַרבעטסטאָג, שכירות, קאָנקורענץ. פאַרשפּרייטן אין דער מאַסע אַזעלכע באַגריפן, וועגן וועלכע מיר האָבן אָקאָרשט גערעדט, דאָס איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין אונדזער טעטיקייט, מחמת דעם וואָס: 1) נאָר ווען די מאַסע וועט באַנעמען אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן, וועט באַנעמען, אַז זי ווערט עקספּלואַטירט — וועט זי פאַרשטיין און דערפילן, אַז עס איז מעגלעך אויך אַ מאָראַלישער קאַמף קעגן די בעלי-בתים פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע, אַז אָן אַזאַ מאָראַלישן באַוווסטזייַן איז ניט מעגלעך קיין שום קאַמף. — 2) אויב דאָס באַוווסטזייַן וועט זיך טיף אייַנוואָרצלען אין דער היגער מאַסע אַרבעטער, וועט עס וואַקסן צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע. די זוימען פון באַוווסטזייַן, וואָס מיר פאַרזייען איצט אין דער היגער אַרבעטער-מאַסע, וועלן זיך אין דער צוקונפט פונאַנדערוואַקסן אין אַ מעכטיקן בוים פון קלאַסן-באַוווסטזייַן, וואָס זייַנע וואָרצלען און צווייַגן וועלן זיך פאַרשפּרייטן ווייַט-ווייַט איבער אַלע שטעט מיט אַ יידישער באַפעלקערונג און אפשר אַפילו ניט נאָר מיט אַ יידישער. אַנטוויקלענדיק דאָס באַוווסטזייַן, זייַנען מיר זיכער, אַז די היגע מאַסע וועט באַקומען אַ באַדייַטיקע קראַפט כדי זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם קאַפּיטאַל, וועט זיך ניט לאָזן שטאַרק דריקן און פאַרניכטן. קורץ, מיר וועלן דעמאָלט קענען מוטיק און אָן מורא קוקן דער צוקונפט אין די אויגן אַרייַן. אַנטוויקלענדיק דאָס באַוווסטזייַן פון די מאַסן, שרייַבן מיר שוין אַרייַן די ערשטע בלעטלעך פון דער קומענדיקער באַוועגונג פון היגן פּראָלעטאַריאַט.

אָבער מיט וואָסערע מיטלען דאַרפן מיר פאַרשפּרייטן און אַנטוויקלען אין דער מאַסע דאָס באַוווסטזייַן פון אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן? ווי אין דער יידישער „הגדה" וועלן מיר אייַך אויף אַלע פראַגן געבן איין תירוץ: די אַגיטאַציע — דאָס איז דער מיטל צו אַנטוויקלען און פאַרשפּרייטן אין דער היגער מאַסע דאָס באַוווסטזייַן פון אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן. אַלץ, וואָס קען, לויט אונדזער מיינונג, זייַן נוצלעך, אַלץ, וואָס האָט אַ וואָסער ניט איז שייַכות צום אַרבעטער-לעבן — דאָס

אַלץ מוז כּסדר אויסגענוצט ווערן פֿונעם אָנפֿירנדיקן אַגיטאַטאָר, פֿון די אַגיטאַטאָרן, וואָס באַזוכן די שבתדיקע „זאַניאַטיעס“, ווי אַ מיטל צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט די איבעריקע אַרבעטער וועגן אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אין וואַרשטאַט אָדער אויסערן וואַרשטאַט. די אָנפֿירנדיקע אַגיטאַטאָרן מוזן תּמיד אַכטונג געבן אויף די ענדערונגען, וואָס קומען פֿאָר אין פֿאַך און וועלכע מאַכן מעגלעך, אַז דאָס באַוווּסטזײַן פֿון די אַרבעטער זאָל זיך אויפֿהייבן אַ ביסל העכער, און פֿאַראַלעל מיט די דאָזיקע ענדערונגען אויך צו ענדערן דעם אופֿן פֿון אַגיטאַציע, דערהייבנדיק זיי אויף אַ שטאַפּל העכער. אַזעלכע ענדערונגען קומען טעגלעך פֿאָר, די עקאָנאָמישע לאַגע אין יעדן פֿאַך ענדערט זיך ביסלעכווײַז און ווערט כּמעט ניט באַמערקט, אָבער דער אַגיטאַטאָר מוז עס באַמערקן, און ער דאַרף זיך באַמיען, ווי געזאָגט, אַז די אַגיטאַציע זאָל גיין האַנט אין האַנט מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע, אָדער זאָל ניט בלײַבן הינטערשטעליק לגבי דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. ריידנדיק וועגן אַגיטאַציע, ווי אַ מיטל צו אַנטוויקלען בײַ די מאַסן די פֿאַרשטענדעניש פֿאַר זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן, דאַרפֿן מיר צוגעבן, אַז דאָס איז ניט דער איינציקער און דער בעסטער פֿון די מיטלען; דער בעסטער מיטל צו אַנטוויקלען דאָס באַוווּסטזײַן איז דער עקאָנאָמישער קאַמף מיט די בעלי-בתּים. וויפֿל איר זאָלט ניט ריידן מיט די אַרבעטער וועגן דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן אויסגערעכנט, וועט דאָס ניט אַרײַנדרינגען טיף אין זייער מוח און נשמה, מחמת כּל זמן זיי האָבן דאָס אַלץ נאָך ניט געזען מיט די אייגענע אויגן, וועלן זיי ניט קענען, ווי מען דריקט זיך אויס, דאָס אָנטאַפּן מיט די הענט. נאָר אין דעם קאַמף מיט די בעלי-בתּים וועלן די אַרבעטער דערזען דעם קעגנזאַץ צווישן זיך און די בעלי-בתּים, וואָס זײַנען גרייט זיי אַרײַנצוזעצן אין פּאָליציי, אַוועקשיקן מיטן עטאַפּ, אָנפֿאַלן אויף זיי בײַנאַכט אין גאַס, דינגען קאָמפּאַניעס שלעגערס צו שלאָגן די אַרבעטער, אַבי נאָר ניט צאָלן זיי מיט 25 קאָפּ׳ אַ וואָך טײַערער. נאָר דעמאָלט וועלן די אַרבעטער באַגרײַפֿן, אַז זיי מוזן זיך אויף אַן אמת פֿאַראייניקן כּדי צו קעמפֿן פֿאַר זייער עקסיסטענץ; נאָר דעמאָלט וועלן זיי פֿאַרשטיין, אַז זיי מוזן פֿעסט האַלטן איינער פֿאַרן אַנדערן; נאָר דעמאָלט וועלן זיי אײַנזען, ווי נוציק עס איז אָפּצושאַפֿן די קאָנקורענץ צווישן די אַרבעטער; דעמאָלט וועלן זיך אויסגעפֿינען אין דער מאַסע אמתע אַגיטאַטאָרן, וועגן וועלכע מיר וואָלטן אָן דעם גאָר ניט געוווּסט, דעמאָלט וועט די מאַסע זײַן אויפֿגערעגט און קענען אויפֿנעמען אַזעלכע אידעען, וואָס זי וואָלט אין אַ פֿרידלעכער צײַט אַפֿילו ניט געוואָלט הערן פֿון זיי, דעמאָלט וועט די מאַסע באַשײַמפּערלעך זען, אויף וועמעס צד עס שטייט די געזעלשאַפֿט מיט דעם אויסנאַם פֿון די מײַסטערס, דעמאָלט וועט זיך דורכשלאָגן דער ערשטער שטראַל פֿון פּאָליטישן און קלאַסן-באַוווּסטזײַן.

ריידנדיק דאָ וועגן דער באַדײַטונג, וואָס דער קאַמף צווישן די אַרבעטער און בעלי-בתּים וועט האָבן פֿאַרן באַוווּסטזײַן פֿון די אַרבעטער, פֿאַר זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן, דאַרפֿן מיר נאָך ווענדן אײַער אויפֿמערקזאַמקייט אויף דער באַדײַטונג פֿון דעם דאָזיקן קאַמף, כּדי צו דערגרייכן אַלע יענע קלייניקייטן, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אין ערשטן פּונקט. אין דעם דאָזיקן קאַמף וועט די אַרבעטער ווערן באַזונדערס קלאָר דער קעגנזאַץ צווישן זייערע אינטערעסן און די אינטערעסן פֿון די בעלי-בתּים, מחמת יעדער בעל-הבית באַזונדער איז אין שטאַנד נאָכצוגעבן די אַלע קליינע פֿאָדערונגען און דאָס הענגט גאָר ניט אָפּ פֿון די אַלגעמיינע באַדינגונגען אין געגעבענעם פֿאַך. די דאָזיקע אַלע קלייניקייטן וועט זײַן גרינג אויסצופֿירן, און דער דאָזיקער נצחון וועט דעם אַרבעטער געבן מער גלויבן אין זײַנע כּוחות. און דער נצחון וועט אים צוגרייטן צו גרעסערע פֿאָדערונגען און צו נאָך אַ גרעסערן קאַמף.

אונדז איז נאָך געבליבן צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן פּאָליטישער אַגיטאַציע. צי קען מען שוין אין דער היגער מאַסע פֿירן אַן אַגיטאַציע וועגן דער

נייטיקייט פֿון פּאָליטישער פֿרײַהייט? לויט אונדזער מיינונג, איז נאָך איצט פֿרי צו אַגיטירן וועגן דעם אין דער היגער אַרבעטער־מאַסע. דער עקאָנאָמישער קאַמף וועט די אַרבעטער ברענגען צום באַוווסטזײַן וועגן דער נייטיקייט פֿון פּאָליטישער פֿרײַהייט. וואָס מער די אַרבעטער וועלן זיך באַטייליקן אין עקאָנאָמישן קאַמף, אַלץ מער וועלן זיי אַלע אײַנזען, ווי שווער עס איז זיך עפּעס צו דערשלאָגן אָן דער מעגלעכקייט אײַנצואָרדענען פֿאַרזאַמלונגען, פֿרײַהייט פֿון פּרעסע און וואָרט, בײַ דעם פֿולקומען ווילדווילן פֿון דער פּאָליציי, און אַלץ קלאָרער וועט זיך אַרויסווײַזן די נייטיקייט פֿון פּאָליטישער פֿרײַהייט און פֿון דעם קאַמף פֿאַר איר. אַזוי אַרום וועט דער עקאָנאָמישער קאַמף אַליין אָנווײַזן די אַגיטאַטאָרן, ווען דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערן אויפֿן ערשטן פּלאַץ די אַגיטאַציע פֿאַר פּאָליטישער פֿרײַהייט. מיר האָבן דאָך אָבער פֿריער געזאָגט, אַז די מאַסע איז מסוגל אויפֿצונעמען נאָר יענע אידעען, וואָס ווײַזן איר דירעקט, וואָס זי האָט צו טון, כּדי צו פֿאַרבעסערן איר לאַגע. וועלן די ייִדישע האַנטווערקער־אַרבעטער ווען ניט איז דערשפּירן, אַז זיי בילדן אַ כּוח, וואָס קען פֿירן אַ קאַמף פֿאַר פּאָליטישע רעכט? אָט דער עקאָנאָמישער קאַמף — ער אַנטוויקלט בײַ די האַנטווערקער־אַרבעטער זייער כּוח, זיי וועלן עס אָנהייבן צו שפּירן. ווען די אַרבעטער־באַוועגונג וועט זיך אויסשפּרייטן איבער אַלע ייִדישע שטעט און באַזונדערס אין אינעווייניקסטן רוסלאַנד, וועלן אַלע בעלי־מלאָכות־אַרבעטער אין די שטעט מיט אַ ייִדישער באַפֿעלקערונג זיך פֿאַראייניקן צום קאַמף פֿאַר פּאָליטישע רעכט.

אויב אָבער מיר געפֿינען אײַן, אַז עס איז איצט ניט מעגלעך צו פֿירן אַן אַגיטאַציע צווישן די היגע בעלי־מלאָכות פֿאַר פּאָליטישער פֿרײַהייט, הייסט עס ניט, אַז מיר זאָגן זיך איצט אָפּ בכלל פֿון דער דאָזיקער אַגיטאַציע; ניין, גראָד פֿאַרקערט. די פּאָליטיק פֿון דער רוסישער אויטאָקראַטישער רעגירונג רירט שטאַרק אָן יעדן ייִדן. עס פֿאַרגייט ניט קיין וואָך, קיין חודש אָן נײַע רדיפֿות און געזעצן קעגן ייִדן. היות ווי די אַגיטאַציע צווישן דער היגער מאַסע ייִדישע בעלי־מלאָכות מוז אין גאַנצן אַרויספֿליסן פֿון זייער לעבן און זיך פֿאַרנעמען מיט זייער לעבן, און היות ווי די פּאָליטיק פֿון דער רוסישער רעגירונג שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין ייִדישן לעבן, מוז דערפֿאַר די פּאָליטיק פֿון דער זעלבסטהערשנדער רעגירונג בילדן איינע פֿון די טעמעס פֿון אַגיטאַציע. אָבער דער ייִדישער בעל־מלאָכה האָט דאָך מער רעכט, ווי די ייִדישע בורזשואַזיע, ער האָט דאָך רעכט צו וווינען אומעטום אין גאַנץ רוסלאַנד? אויף דעם דאַרף מען אָנווײַזן, אַז בײַם איצטיקן קיסר (אַלעקסאַנדער III) האָט די רעגירונג אָנגעהויבן צו באַגרענעצן די רעכט פֿון די ייִדישע בעלי־מלאָכות. ערשטנס, דאַרף מען אָנווײַזן, אַז דאָס, וואָס אַלע ייִדן האָבן ניט קיין וווינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד, רופֿט זיך זייער שלעכט אָפּ אויף דער לאַגע פֿון די היגע ייִדישע בעלי־מלאָכות. אין תּחום־המושבֿ וווינען אַ סך ייִדן, וואָס האָבן ניט פֿון וואָס צו לעבן נאָר דערפֿאַר, ווײַל זיי זײַנען געצוווּנגען צו וווינען אין תּחום; די קינדער גיבן זיי אָפּ לערנען אַ וועלכן ניט איז פֿאַך, און דערפֿאַר איז דאָ די קאָנקורענץ צווישן די אַרבעטער אין מלאָכה גרעסער און די שכירות זײַנען קלײן. ווײַטער דאַרף מען זיי באַווײַזן, אַז דאָס, וואָס ייִדן טאָרן ניט פֿאַרנעמען קיין מלוכה־שטעלעס, איז אויך פֿאַר זיי זייער שלעכט; אין אַלע פּראָצעס־ענינים צווישן ייִדן און קריסטן ווערן די קריסטן באַפֿרײַט און די ייִדן פֿאַרמשפּט; דער נישטיקסטער באַאַמטער באַצוולט די ייִדן און עס איז זיך ניטאָ פֿאַר וועמען צו קלאָגן. מיר ווייסן, אַז יעדער ייִד קריטיקירט די מעשׂים פֿון דער רעגירונג, די אַגיטאַטאָרן אָבער האָבן דעם חובֿ צו אַנטוויקלען די קריטישע באַציִונג צו דער רעגירונג בײַ די ייִדישע בעלי־מלאָכות. צו דעם צוועק דאַרפֿן די אַגיטאַטאָרן זײַן באַקאַנט מיט דער פּאָליטיק און אַרויסגעפֿינען פֿאַקטן, וואָס אינטערעסירן די מאַסע, און אויסנוצן די

דאָזיקע פֿאַקטן כּדי צו אַנטוויקלען בײַ דער מאַסע אַ קריטישן קוק, און אויף דעם אופֿן וועלן מיר ביסלעכווײַז צוגרייטן אַ באָדן פֿאַר דער אַגיטאַציע פֿון פּאָליטישער פֿרײַהייט.

* * *

די פֿראַגע וועגן אַגיטאַציע איז געענדיקט. איצט דאַרפֿן מיר אײַך זאָגן, אַז יענע אַרבעטער, וואָס זײַנען לויט זייער פֿעסטער איבערצײַגונג מיט אונדז ניט מסכּים אין דער פֿראַגע וועגן אַגיטאַציע, ווי מיר האָבן עס דאָ דערקלערט, באַטראַכטן מיר ניט פֿאַר קיין מיטגלידער פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער גרופּע, און לויט אונדזער מיינונג זײַנען אַזעלכע אַרבעטער בכלל ניט קיין מיטגלידער פֿון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, מחמת די אַגיטאַציע איז דער פֿונדאַמענט פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּראָגראַם. די אַרבעטער, וואָס וועלן איבערלייענען דעם דאָזיקן בריוו און וועלן מיט אונדז ניט מסכּים זײַן אין דער פֿראַגע וועגן אַגיטאַציע, אָדער וועלן נאָך ניט האָבן קיין אייגענע פֿעסטע מיינונג, פֿון זיי דערוואַרטן מיר אַן אייגענע אויסגעאַרבעטע פּראָגראַם, און ערשט דעמאָלט וועלן מיר באַשליסן וועגן די באַציִונגען פֿון אונדזער גרופּע צו דער דאָזיקער אַרבעטער-גרופּע.

מיט דעם ווײַטערדיקן טייל פֿון אונדזער בריוו ווענדן מיר זיך נאָר צו יענע אַרבעטער, וואָס זײַנען מיט אונדז מסכּים, ד״ה צו די אַרבעטער, וואָס בילדן אונדזער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע גרופּע. איר זעט, אַז איר האָט אויף זיך איבערגענומען אַ התחײַבֿות צו זײַן די אָנפֿירער פֿון דער היגער אַרבעטער-מאַסע אין זייער טאָג-טעגלעכן קאַמף קעגן די בעלי-בתּים. אײַך וועט אויסקומען צו באַשליסן וועגן וואָס צו אַגיטירן, איר וועט זײַן די הויפּט-באַראָטער בײַם אויסקלײַבן די מיטלען פֿון קאַמף, קורץ—אײַך וועט אויסקומען צו באַשליסן אַזעלכע פֿראַגן, וואָס זײַנען נוגע דער גאַנצער אַרבעטערשאַפֿט, צווישן וועלכער איר פֿירט די אַגיטאַציע. אין אַזוינע ענינים קען יעדער טעות ברענגען גאָר גרויסע צרות פֿאַר דער גאַנצער מאַסע אַרבעטער, דערפֿאַר דאַרף לויט אונדזער מיינונג קיין איינציקער פֿון די אָנפֿירנדיקע אַגיטאַטאָרן ניט נעמען אויף זיך אַליין צו באַשליסן אין אַזעלכע פֿראַגן, נאָר ער מוז זיך מיישבֿ זײַן מיט די איבעריקע אָנפֿירנדיקע אַגיטאַטאָרן און האַנדלען לויט דעם אַלגעמיינעם באַשלוס.

איצט נאָך אַ פּאָר ווערטער מכּוח די „זאַניאַטיעס״ מיט די אינטעליגענטן. פֿון דעם גאַנצן בריוו האָט איר געזען, אַז אונדזער עיקר-איבערצײַגונג איז: אַלץ פֿאַר דער אַרבעטער-מאַסע און דורך דער אַרבעטער-מאַסע. די אַגיטאַציע דאַרף דינען דעם צוועק צו פֿאַרבעסערן דאָס לעבן (פֿון די אַרבעטער), דעם זעלביקן צוועק דאַרפֿן דינען די שבתדיקע שמועסן, דעם זעלביקן צוועק וועלן אויך זײַן געווידמעט אונדזערע „זאַניאַטיעס״, ד״ה מיר אינטעליגענטן וועלן לערנען מיט די אַגיטאַטאָרן, וואָס גרייטן זיך צו ווערן אַגיטאַטאָרן-אָנפֿירער. די בעסערע אַגיטאַטאָרן מיט לכל הפּחות מיטעלע פֿעיִקייטן וועלן אָנקומען צו די אינטעליגענטן אויף „זאַניאַטיעס״, און מיר וועלן זיי שוין צוגרייטן צו דער טעטיקייט פֿון אַגיטאַטאָרן-אָנפֿירער.

ווען איר באַטראַכט די טעטיקייט פֿון דעם אָנפֿירנדיקן אַגיטאַטאָר, זעט איר, אַז ער מוז האָבן ידיעות אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע, פּאָליטיק, נאַטור-געשיכטע; אָן זיי איז אים אוממעגלעך צו ווערן אַן אָנפֿירנדיקער אַגיטאַטאָר. די דאָזיקע ידיעות וועט ער לערנען בײַ די אינטעליגענטן. פֿון דעם גרעניץ, וואָס די עקאָנאָמישע לאַגע שטעלט דער אַגיטאַציע צווישן די היגע אַרבעטער אין די מלאָכה-צווײַגן, קענט איר זען, אַז דער אָנפֿירנדיקער אַגיטאַטאָר מוז אומבאַדינגט זײַן אַ באַוווּסטזיניקער סאָציאַל-דעמאָקראַט, ד״ה ער דאַרף זײַן לחלוטין איבערגעגעבן דער אַרבעטער-מאַסע, מוז פֿאַרמאָגן באַשטימטע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און נאַטורגעשיכטלעכע ידיעות, ער מוז אָבער ניט אומבאַדינגט

זײַן אויף אַזוי פֿיל אַ באַוווסטזיניקער סאָציאַל-דעמאָקראַט, אַז ער זאָל קלאָר פֿאַרשטיין די טעאָריע פֿון עוואָלוציע, די פֿאַרהעלטעניש צווישן די ענדערונגען אין דער ווירטשאַפֿט און פּאָליטיק, פֿאַרשטיין אין אַלע פּרטים דעם קלאַסנקאַמף אין דער קעגנוואַרט און אין דער צוקונפֿט אאַז"וו.

אויב אָבער דער אָנפֿירנדיקער אַגיטאַטאָר וועט ניט זײַן קײַן סאָציאַל-דעמאָקראַט, קען אַמאָל פּאַסירן, אַז אַרבעטנדיק אין דער מאַסע לויט דעם פּלאַן, וואָס איז אָנגעצייכנט אין אונדזער בריוו און דערגרייכנדיק די פֿון אונדז אַרויסגעשטעלטע צילן, וועט ער דערבײַ אַגיטירן פֿאַר גאָר אַנדערע זאַכן און וועט אַרויסרופֿן אין דער מאַסע אַזעלכע באַוועגונגען, וואָס קענען ברענגען אַ געוויסן נוצן, און אַמאָל אַפֿילו דאָס אויך ניט, אָבער וואָס שטייען אין אַ סתירה צו די ענדצילן פֿון סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ד"ה צו די אינטערעסן פֿון אַ ר ב ע ט ע ר - ק ל אַ ס. כּדי אויסצומײַדן אַזעלכע פֿאַלן מיט די אָנפֿירנדיקע אַגיטאַטאָרן, שטעלן מיר זיך פֿאַר אַן אידעאַל אויסצואַרבעטן פֿון זיי באַוווסטזיניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

אויב אַזוי, אפֿשר וואָלט געווען גלײַכער זיך תּחילת צו פֿאַרנעמען מיט די אַרבעטער, ביז זיי וועלן ווערן באַוווסטזיניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, און ערשט דערנאָך זאָלן זיי ווערן אַגיטאַטאָרן-אָנפֿירער? דעמאָלט וועט ער [וועלן זיי] דאָך ניט מאַכן קיין שום פֿעלערן?— ניין, אויב ער וועט נאָר שטודירן און צו דער זעלביקער צײַט וועט ער פּראַקטיש ניט אַרבעטן צווישן דער אַרבעטער-מאַסע, ווי דאָס איז נייטיק פֿאַר אַן אָנפֿירנדיקן אַגיטאַטאָר, איז אַז ער וועט שוין דערגיין ביז צו די העכסטע מדרגות פֿון טעאָריע און וועט זיך לסוף וועלן נעמען פֿאַר פּראַקטישער אַרבעט, וועט ער נאָך אָנמאַכן מער פֿעלערן, ווי ווען ער פֿאַרנעמט זיך גלײַכצײַטיק מיט טעאָרעטישן שטודירן און פּראַקטישער אַגיטאַציע, דערבײַ וועט ער אין דעם ערשטן פֿאַל אויך די טעאָריע ניט אַזוי גוט פֿאַרשטיין. די זאַך איז נעמלעך די: די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע טעאָריע איז גענומען פֿון לעבן און איר כּוח באַשטייט אין דעם, וואָס זי ווײַזט די אַרבעטער, ווי איבערצומאַכן דאָס לעבן; אַזאַ טעאָריע קען מען בעסער פֿאַרשטיין, וואָס מער זי ווערט קאָ נ ט ר אָ ל י ר ט פֿון ווירקלעכן לעבן, וואָס ענגער דאָס אייגענע לעבן איז פֿאַרבונדן מיטן לעבן פֿון די אַרבעטער, וואָס מער מען איז אַרײַנגעטאָן אין זייערע אינטערעסן און מען זעט אין דער פּראַקטיקע די פֿאַרבונדנקייט צווישן די געפֿילן, שטרעמונגען און אידעען פֿון דער אַרבעטער-מאַסע און זייער עקאָנאָמישן מצבֿ. קורץ, אויב דער אַרבעטער וועט זײַן ענג פֿאַרבונדן מיט דער מאַסע, אויב ער וועט טון דאָס אַלץ, וואָס איז לויט אונדזער מיינונג נייטיק פֿאַרן אַגיטאַטאָר-אָנפֿירער,— וועט ער טיף און גרינדלעך פֿאַרשטיין די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע טעאָריע. נאָך איין וואָרט וועגן דעם: מיר האָבן געזאָגט, אַז די ע י ק ר ד י ק ע באַדײַטונג פֿון דער דאָזיקער טעאָריע באַשטייט אין דעם נ ו צ ן, וואָס זי ברענגט דער אַרבעטער-מאַסע; דעם דאָזיקן נוצן קען זי ברענגען נאָר דעמאָלט, ווען פֿון יעדן פּונקט ווערט געמאַכט דער פּראַקטישער אויספֿיר פֿאַרן לעבן פֿון דער אַרבעטער-מאַסע. פֿאַר יענעם, וואָס מאַכט ניט די דאָזיקע אויספֿירן, בלײַבט די טעאָריע טויט, פֿאַר אים איז די טעאָריע איינס, און דאָס לעבן—גאָר אַנדערש. ווען ער וועט שוין גאָר גוט קענען די טעאָריע, וועט זיך אים דוכטן, אַז דאָרט, ווו ער געפֿינט זיך, קען מען זי ניט אָנווענדן, מחמת יעדער אָרט האָט זײַנע אייגנאַרטיקייטן, וואָס די טעאָריע האָט זי ניט פֿאָרויסגעזען, אָדער גאָר, אויב ער וועט אײַנגעפֿינען, אַז מען דאַרף יע עפּעס טון, וועט ער ניט וויסן ווי זיך צו נעמען פֿאַר דער אַרבעט און פֿון וואָס אָנצוהייבן, און ווען ער וועט זיך שוין יע נעמען אַרבעטן, וועט ער אָנטון אַ מאַסע פֿעלערן. אַזאַ טעאָריע, ווי די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, קען נאָר דעמאָלט ברענגען נוצן, ווען יענער, וואָס שטודירט זי, מאַכט פֿון איר זײַנע אויספֿירן, וואָס ווײַזן אים וואָס צו טאָן, בכדי איבערצואַנדערשן דאָס לעבן פֿון די אַרבעטער-מאַסן, לעבנדיק איין לעבן מיט דער מאַסע, וויסנדיק גענוי אַלע אירע אינטערעסן, באַטראַכטנדיק כּסדר, וואָס איז מעגלעך פֿאַר איר צו טאָן און וואָס ניט

(דאָס אַלץ איז די אויפגאַבע פון דעם אָנפירנדיקן אַגיטאַטאָר). מיט איין וואָרט, די טעאָריע דאַרף דעם אַגיטאַטאָר דערקלערן דאָס לעבן און געבן אַן אַלגעמיינע פאָרשטעלונג וואָס ער האָט צו טון; דאָס לעבן מוז קאָנטראָלירן די טעאָריע און (דעם אַגיטאַטאָר) פעסטער באַקרעפטיקן אין איר; דאָס לעבן דאַרף אים ווייזן אַלע וועגן און שטעגן, ווי אָנצוווענדן די טעאָריע פאַר דער פאַרבעסערונג פונעם לעבן פון דער אַרבעטער-מאַסע.

אַזוי אַרום זיינען מיר אין דעם דאָזיקן בריוו געקומען צו דעם זעלביקן אויספיר, וואָס מיר האָבן אַרויסגעבראַכט אין אונדזער „פראָגראַם", אין אונדזער „ענטפער", און צו וועלכן איר זייט אויך געקומען אין אייער בריוו: „די אַנטוויקלונג און טעטיקייט מוזן גיין האַנט אין האַנט, איינס איז ממלא דאָס אַנדערע". די אַגיטאַטאָרן וועלן בכן ווערן אַגיטאַטאָרן-אָנפירער, נאָך איידער זיי וועלן ווערן באַוווסטזיניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אָבער מיר וועלן מיט זיי לערנען, כדי זיי זאָלן עס ווערן. די צילן, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט פאַר אונדזערע „זאַניאַטיעס"—אויסצובילדן אָנפירער-אַגיטאַטאָרן און פון זיי באַוווסטזיניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן—רעכענען מיר צו דערגרייכן דערמיט, וואָס מיר וועלן לערנען מיט די אַרבעטער די ווייטערדיקע וויסנשאַפטן: 1) פּאָליטישע עקאָנאָמיע, 2) געשיכטע און געאָגראַפיע, 3) נאַטור-וויסנשאַפט. פון דער פראָגראַם, וואָס מיר האָבן אייך צוגעשיקט, צוזאַמען מיטן ערשטן עקזעמפּלאַר פון אונדזער בריוו (דער ערשטער עקזעמפּלאַר פאַרנעמט צוויי גרויסע העפטן), קענט איר זען, אַז מיר וועלן מיט אייך לערנען די דאָזיקע וויסנשאַפטן. פּאָליטישע עקאָנאָמיע און געשיכטע וועלן מיר לערנען לויט ביכער און געשריבענע (מאַטעריאַלן). מיר געפינען פאַר נייטיק צו מאַכן נאָך איין באַמערקונג. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט, ווי דעם העכסטן ציל פון אונדזערע לימודים מיט די אָנפירער-אַגיטאַטאָרן, אויסצובילדן פון זיי באַוווסטזיניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. אָבער צווישן אַלע אָנפירנדיקע אַגיטאַטאָרן קענען אַמאָל זיין אַזעלכע, וואָס האָבן ניט די פעיִקייטן צו ווערן באַוווסטזיניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן; פאַר אַזאַ אַרבעטער האָט, נאָך אַ באַשטימטן פונקט, מער קיין זינען ניט זיך ווייטער צו לערנען. מיר וועלן דערפאַר איבעררייסן די לימודים, אַפילו ווען ער איז נאָך ניט קיין באַוווסטזיניקער סאָציאַל-דעמאָקראַט. היות אים וועט אויסקומען זיך צו באַראָטן אין זיין פּראַקטישער אַרבעט מיט די איבעריקע אָנפירנדיקע אַגיטאַטאָרן, וועט ער אויסמיידן די פעלערן, וואָס קענען זיין אַ רעזולטאַט בלויז פון דעם, וואָס אים פעלן געוויסע ידיעות.

די שפּראַך, אויף וועלכער עס וועלן געפירט ווערן די „זאַניאַטיעס" ביי די אינטעליגענטן, וועט זיין רוסיש און יִדיש. די אַרבעטער, וואָס פאַרשטייען גוט רוסיש, וועלן זיך לערנען אויף רוסיש. נאָר אַ טייל פון די אויסגערעכנטע וויסנשאַפטן, וועלכע די דאָזיקע אַרבעטער (וואָס לערנען זיך אויף רוסיש), וועלן אַלס אָנפירנדיקע אַגיטאַטאָרן דאַרפן שטודירן פאַר די צוועקן פון אַגיטאַציע אָדער פאַר די שבתדיקע שמועסן, וועט מען דורכגיין אומבאַדינגט אויף זשאַרגאָן. די אַרבעטער, וואָס פאַרשטייען שלעכט רוסיש, וועלן אַלץ לערנען אויף זשאַרגאָן. די פראַגע וועגן דעם, מיט וועמען צו לערנען אויף רוסיש און וועלכע וויסנשאַפט-צווייגן אויף זשאַרגאָן, מיט וועמען מען זאָל בכלל לערנען אויף זשאַרגאָן, לייגן מיר פאָר, זאָל באַשלאָסן ווערן פון די אָנפירנדיקע אַגיטאַטאָרן צוזאַמען מיט די אינטעליגענטן. נאָר, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט אין אונדזער פראָגראַם, די אָנפירער-אַגיטאַטאָרן מוזן קענען די רוסישע שפּראַך, דערפאַר וועלן מיר ווי ווייט מעגלעך זען צו קריגן פאַר זיי לערער אויף עלעמענטאַרער בילדונג (גראַמאַטע, רוסיש און אַריפמעטיק). ווען דער אָנפירער-אַגיטאַטאָר וועט שוין זיין אין שטאַנד זיך צו לערנען אויף רוסיש, וועט מען מיט אים לערנען אויף רוסיש.

אונדזער בריוו איז געענדיקט. דערלויבט אונדז גאַנץ קורץ צו פֿאָרמולירן די אידעען פֿון אונדזער בריוו און אונדזער פּראָגראַם. פֿריער איז געווען אונדזער ערשטער ציל,—זיך סטאַרען, אַז ביי די אינטעליגענטן זאָלן זיך לערנען וואָס מער אַרבעטער; צו דעם צוועק זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן קאַסעס, שבתדיקע פֿאָרלעזונגען, באַקאַנטשאַפֿט-פֿאַרבינדונגען מיט אַרבעטער און שמועסן מיט זיי. דער ציל פֿון אונדזער איצטיקער אַרבעט איז: פֿאַרבעסערן דעם מצבֿ פֿון דער היגער יִדישער אַרבעטער-מאַסע; צו דעם צוועק דאַרף מען אַגיטירן צווישן דער אַרבעטער-מאַסע—באַנוצן דערצו די שבתדיקע פֿאַרזאַמלונגען און די „זאַניאַטיעס" ביי די אינטעליגענטן. דער פֿריערדיקער ציל און דער איצטיקער לאָזן זיך ניט פֿאַראייניקן.

סוף

# „דער ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג" *

(1895)

...מיר גייען איצט אַריבער אויפֿצוקלערן די טעאָרעטישע אויפֿטועך פֿון אונדזער באַוועגונג. מיר ווילן זיך אָפּשטעלן אויף צוויי מאָמענטן אין זיי, וואָס הענגען אָפּ איינער פֿונעם אַנדערן: אונדזער באַוועגונג איז געוואָרן, ראשית, אַ מער דעמאָקראַטישע און שנית — אַ מער מאַטעריאַליסטישע. דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פֿון דער איצטיקער תקופֿה און אונדזער באַוועגונג אין פֿאַרגלײַך מיט דער פֿאָריקער באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן אונדזער פּראָגראַם, אונדזער טאַקטיק, אונדזער קאַמף צוגעפּאַסט צו דער מאַסע; אין דעם, וואָס אונדזער הויפּט־אויפֿגאַבע איז איצט נים פּראָפּאַגאַנדע אין די קרײַזלעך, נײַערט אַגיטאַציע צווישן דער מאַסע; צו לעצט אין דעם, וואָס דער אָביעקט פֿון אונדזער אײַנווירקונג, וואָס אים האָבן מיר אין זינען הן אין אונדזער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און הן אין אונדזער יום־טובֿדיקער אַגיטאַציע (בײַם ערשטן מאַי) איז איצט ניט דער אַרבעטער־אינטעליגענט, וואָס טיילט זיך אויס פֿון זײַן סבֿיבֿה מיט זײַנע גײַסטיקע פֿעיִקייטן, מיט זײַן באַדערפֿעניש אין בילדונג, נאָר — דער מיטעלער מאַסאָווער אַרבעטער, מיט מיטעלע באַדערפֿענישן, מיט מיטעלער מאָראַל, מיט אַ מיטעלער מדרגה פֿון אַנטוויקלונג.

דער מאַטעריאַליסטישער כאַראַקטער פֿון אונדזער איצטיקער באַוועגונג, אין פֿאַרגלײַך מיט איר פֿריִערדיקן כאַראַקטער, באַשטייט אין דעם, וואָס אַלע אונדזערע האָפֿענונגען און דערוואַרטונגען שטיצן זיך ניט אויף דעם גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פֿון אונדזערע אידעען און טעאָריעס, — וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן אידעאַליסטישן וועלטבאַנעם, — נאָר זיי שטיצן זיך אויף די באַדערפֿענישן פֿון די מאַסן, אויף דער אַנטוויקלונג פֿון די דאָזיקע באַדערפֿענישן און אויף דער ענדערונג פֿון דער מאַסע גופֿא אונטער דער השפּעה פֿון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג.

מיר ריכטן זיך אויף אַ פּאָליטישער באַוועגונג ניט אין יענעם מאָמענט, ווען אונדז וועט געראָטן אײַנצורעדן די מאַסע, אַז אונדזערע פּאָליטישע אידעאַלן זײַנען גערעכטע, נאָר ווען אין דער מאַסע וועלן זיך אויסאַרבעטן, אַ דאַנק דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, פּאָליטישע באַדערפֿענישן".

---

* אַ רעדע אין רוסיש, וואָס מאַרטאָוו האָט געהאַלטן אין ווילנע, אויף אַ געשלאָסענער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער „גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד", דעם 1טן מאַי 1895. אין אַ בראָשורפֿאָרם איז די רעדע אין רוסיש אַרויס אַנאָנים, אין 1900 אין זשענעווע, אין פֿאַרלאַג „סאָיוז רוסקיך סאָציאַל־דעמאָקראַטאָוו" (22 זײַטן, 11×16); שפּעטער איז זי איבערגעדרוקט געוואָרן אינעם ביכל Материалы по истории евр. рабочего движения (פּעטערבורג 1906). אין ייִדיש איז די דאָזיקע רעדע, אויך אַנאָנים, אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם „אידישען אַרבײַטער", נומער 9 (זשענעוו 1900), אונטערן נאָמען: „די נײַע עפּאָכע אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג" (אַרויס 1900 אויך ווי אַ סעפּאַראַט־בראָשור, 12 זײַטן). מחמת דער האַמעטנער שפּראַך פֿון יענער איבערזעצונג, וואָס איז דערצו ניט גאָר קײַן פּינקטלעכע, גיבן מיר דאָ אונדזער אייגענע איבערזעצונג, געטרײַ לויטן רוסישן אָריגינאַל, אָבער נאָר פֿונעם שלוסטייל, ווו עס ווערן פֿאָרמולירט די פּרינציפּן פֿון דער נײַער פּראָגראַם — דער איבערגאַנג צו אַ מאַסן־אַגיטאַציע אין ייִדיש.

רעדאַקציע

... מיר גייען איצט אַריבער צום דריטן טעאָרעטישן אויפֿטו אונדזערן, וואָס איז אַקוראַט אַזאַ זיכערער ווי די ערשטע צוויי (אויבן אָנגעוויזענע) און איז מיט זיי אָרגאַניש פֿאַרבונדן.

מיר האָבן שוין באַוויזן, ווי אונדזער באַוועגונג האָט אָראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די אַריסטאָקראַטישע און אידעאַליסטישע באַפֿאַרבונג, וועלכע מיר האָבן באַקומען בירושה פֿון דעם בורזשואַזן אידעאַליזם. איצט וועלן מיר אָנווייַזן נאָך אויף איין שטריך, וואָס מיר האָבן אים באַקומען ניט פֿון דער בורזשואַזיע סתם, נאָר ספּעציעל פֿון דער ייִדישער, פֿון אירע אינטעליגענטישע פֿאָרשטייער. אויף אונדז, אויפֿן טרויעריקן גורל פֿונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט איז אויסגעפֿאַלן צו ווערן עקספּלואַטירט פֿון דער סאַמע קליינלעכער און שפּלדיקער בורזשואַזיע אין דער וועלט. אונדזער בורזשואַזיע, וואָס איר פֿעלן ניט נאָר פּאָליטישע רעכט, ווי דער גאַנצער רוסישער בורזשואַזיע, נייַערט אויך בירגערלעכע רעכט, מאַכט פֿון דעסט וועגן ניט קיין שום פּרווו צו פֿאַרבעסערן איר לאַגע, נאָר אַלץ דערוואַרט זי פּשוט פֿונעם חסד פֿון דער רוסישער רעגירונג. אונדזער בורזשואַזער אינטעליגענץ פֿאַלט אַפֿילו ניט איין, אַז אַ ייִד קען זיך דערוואַרטן די פֿאַרבעסערונג פֿון זייַן מצבֿ נאָר פֿון איגענער טעטיקייט. די ייִדישע בורזשואַזיע שטיצט אַפֿילו ניט ענערגיש די רוסישע ליבעראַלע באַוועגונג. אַ סך סיבות האָבן גורם געווען צום דאָזיקן כאַראַקטער פֿון אונדזער בורזשואַזיע — און די אַלע סיבות מאַכן זי לחלוטין אומגרצלעך פֿאַרן ייִדישן אַרבעטער-קלאַס; נאָך מער, די אידעען פֿון אָט דער בורזשואַזער אינטעליגענץ האָבן געשפּילט פּשוט אַ שעדלעכע ראָלע אין אונדזער באַוועגונג, וואָס האָט זיך די ערשטע צייַט געפֿונען אונטער דער השפּעה פֿון אָט דער נאַציאָנאַלער פּאַסיווקייט.

און באמת: די ייִדישע בורזשואַזע אינטעליגענץ האָפֿט אַלץ אויף דער רוסישער רעגירונג און וואַרט גאָרניט פֿון דער זעלבסטטעטיקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק; מיר, אין די ערשטע יאָרן פֿון אונדזער באַוועגונג, האָבן אַלע אונדזערע האָפֿענונגען פֿאַרבונדן אויסשליסלעך מיט דער באַוועגונג פֿונעם רוסישן אַרבעטער-קלאַס און אויף זיך אַליין געקוקט נאָר ווי אויף אַ צוגאָב צו דער אַלגעמיין-רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג. אָפּרוקנדיק די באַוועגונג פֿונעם ייִדישן אַרבעטער-קלאַס אויפֿן צווייטן פּלאַן, האָבן מיר זיך מיט ביטול באַצויגן צו זייַן פּאַקטישן צושטאַנד, און דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס אונדזער אַרבעט האָט זיך געפֿירט אין דער רוסישער שפּראַך. וועלנדיק אייַנהאַלטן אונדזער פֿאַרבינדונג מיט דער רוסישער באַוועגונג, וואָס איז, פֿאַרשטייט זיך, נייטיק, האָבן מיר פֿאַרגעסן אייַנצוהאַלטן אונדזער פֿאַרבונדנקייט מיט דער ייִדישער מאַסע, וואָס פֿאַרשטייט ניט די רוסישע שפּראַך. יאָ, אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט דער אומצוטרוי, וועלכן מיר האָבן איבערגענומען בייַ אונדזער בורזשואַזיע, צו דער ייִדישער מאַסע: אויפֿן ערשטן פּלאַן איז בייַ אונדז געשטאַנען די אידעאַלע רוסישע באַוועגונג, און צוליב איר האָבן מיר פֿאַרזען די שפּראָצונגען פֿון דער פּאַקטישער ייִדישער באַוועגונג.

דאָס לעבן האָט אונדז געצוווּנגען צו ענדערן אונדזער טאַקטיק. און ווי ס'ווייַזט אויס, איז די הויפּט-סיבה געווען, וואָס אין דער צייַט ווען מיר האָבן אַלע אונדזערע האָפֿענונגען פֿאַרבונדן מיט דער אַלגעמיין-רוסישער באַוועגונג, האָבן מיר אומבאַמערקט פֿאַר זיך אַליין דערהויבן די ייִדישע באַוועגונג צו אַזאַ הויכער מדרגה, צו וועלכער די רוסישע באַוועגונג איז נאָך ניט דערגאַנגען. עס איז קלאָר, אַז ס'וואָלט געווען אומגעלומפּערט ווייַטער צו באַגרענעצן אונדזער אַרבעט נאָר מיט יענע עלעמענטן פֿון דער ייִדישער מאַסע, וואָס זייַנען שוין פֿאַרכאַפּט פֿון דער רוסישער קולטור און וואָס זיי קענען מיר שוין איבערגעבן די דאָזיקע קולטור. צו מאַכן אַ טריט ווייַטער אין דער ריכטונג האָט אונדז געהאָלפֿן דער אומשטאַנד, וואָס מיר זייַנען געוואָרן מער דעמאָקראַטיש און מער מאַטעריאַליסטיש. דערמיט, וואָס מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אין צענטער פֿון דער פּראָגראַם די מאַסן-באַוועגונג, האָבן מיר געמוזט צופּאַסן אונדזער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע צו דער מאַסע, דאָס מיינט צוגעבן זיי אַ מער ייִדישן כאַראַקטער.[1]

---

1 פֿ״גל אַרט׳ פֿון א. מענעס, די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד, אין דעם באַנד.—רעד׳.

און אין דער דאָזיקער ענדערונג זעען מיר אונדזער נײַעם נצחון איבער די אידעען, וואָס מיר האָבן איבערגענומען פֿון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ. און מיר האָבן זיך געמוזט שטעלן אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז פֿילנדיק אונדזער שטענדיקע פֿאַרבינדונג מיט דער רוסישער אַרבעטער-באַוועגונג, טאָרן מיר דאָך ניט פֿאַרמאַכן די אויגן דערויף, אַז זי איז נאָך זייער שוואַך; מיר דאַרפֿן דערבײַ געדענקען, אַז אונדזער דעמאָקראַטישער לאָזונג: „אַלץ דורכן פֿאָלק" דערלויבט אונדז ניט צו דערוואַרטן די באַפֿרײַונג פֿונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט פֿון זײַן עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און בירגערלעכער פֿאַרקנעכטונג—ניט פֿון דער רוסישער און ניט פֿון דער פּוילישער באַוועגונג. דער ייִדישער אַרבעטער-קלאַס בילדעט אַ גענוג קאָמפּאַקטע מאַסע און זײַענדיק אָרגאַניזירט וועט ער מיט זיך פֿאָרשטעלן אַ גאַנץ אימפּאָזאַנטע מאַכט. זײַנע כּוחות אַליין וועלן, פֿאַרשטייט זיך, ניט זײַן גענוג כּדי דורכצופֿירן די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און בירגערלעכע באַפֿרײַונג פֿונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט,—און אין דעם אומשטאַנד ליגט דער שורש פֿון יענער פֿעסטער פֿאַרבינדונג, וואָס באַהעפֿט אונדז מיט דער אַלגעמיין-רוסישער און פּוילישער באַוועגונג. מיר פֿאַרשטייען זייער גוט, אַז אָן דעם ערפֿאָלג פֿון די רוסישע און פּוילישע אַרבעטער וועלן מיר קיין סך ניט אויספֿירן, אָבער פֿון דער צווייטער זייט קענען מיר שוין ניט ווי פֿריִער אַלץ וואַרטן פֿונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט, ווי אונדזער בורזשואַזיע וואַרט אַלץ פֿון דער רוסישער רעגירונג און דעם ביוראָקראַטישן ליבעראַליזם. מיר דאַרפֿן האָבן אין זינען, אַז דער רוסישער אַרבעטער-קלאַס וועט אין זײַן קלאַסן-אַנטוויקלונג באַגעגענען אַזעלכע מיני מניעות, אַז יעדער מינדסטע דערגרייכונג וועט אים אָנקומען מיט שרעקלעכע אָנשטרענגונגען, און דעריבער וועט אים נאָר בהדרגה און דורך אַן עקשנותדיקן קאַמף געראָטן אויסצוקעמפֿן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע הנחות. און ס'איז קלאָר, אַז אין פֿאַל ווען דעם רוסישן פּראָלעטאַריער וועט אויסקומען מקריבֿ צו זײַן אייניקע פֿאָדערונגען זײַנע בכדי כאָטש עפּעס צו באַקומען, וועט ער גיכער מקריבֿ זײַן אַזעלכע, וואָס זײַנען נוגע אויסשליסלעך ייִדן, ווי למשל פֿרײַהייט פֿון רעליגיעזן גלויבן אָדער גלײַכע רעכט פֿאַר ייִדן. דאָס אייגענע איז מיט דער רוסישער ליבעראַלער באַוועגונג, וואָס וועט אויך זײַן גענייגט מקריבֿ צו זײַן די אינטערעסן פֿון ייִדן, אַבי עפּעס צו דערגרייכן. און מיר דאַרפֿן דערפֿאַר קיין פֿאַראיבל ניט האָבן אויפֿן רוסישן פּראָלעטאַריאַט אָדער אויף דער רוסישער ליבעראַלער בורזשואַזיע. יענער קלאַס פֿאַרדינט ניט קיין פֿרײַהייט, וועלכער קען אַליין זי ניט אויסקעמפֿן. אויב אָבער דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט וועט זײַן אָרגאַניזירט, וועט ער אין יעדן געגעבענעם פֿאַל מיטהעלפֿן דער רוסישער אָדער פּוילישער באַוועגונג און צושטייענדיק צו איר וועט ער אין איינעם מיט איר דערגרייכן די אַלגעמיינע באַפֿרײַונג.

אָט פֿאַר וואָס מיר דאַרפֿן קאַטעגאָריש אָנערקענען, אַז אונדזער ציל, דער ציל פֿון סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס ווירקן אין דער ייִדישער סבֿיבֿה, באַשטייט אין דעם צו שאַפֿן אַ ספּעציעל ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל ווערן די פֿירערין און דערציִערין פֿון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אינעם קאַמף פֿאַר דער עקאָנאָמישער, בירגערלעכער און פּאָליטישער באַפֿרײַונג.

ס'פֿרעגט זיך אָבער, צי ווערן מיר ניט דערמיט, וואָס מיר שטעלן זיך אַזאַ ציל, קיין נאַציאָנאַלע פּאַרטיי? צי פֿעלשן מיר ניט דערמיט, וואָס מיר שטעלן זיך אַזאַ ציל, אין אַן עיקרדיקן פּרינציפּ פֿונעם סאָציאַליזם, הײַנו — אין זײַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער?

יאָ, דער סאָציאַליזם איז אינטערנאַציאָנאַל, און יענער היסטאָרישער פּראָצעס, וואָס שאַפֿט דעם קלאַסנקאַמף אין דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, פֿירט אומפֿאַרמיידלעך צו דער אָפּשאַפֿונג פֿון נאַציאָנאַלע גרענעצן און דער צונויפֿגיסונג פֿון איינצלנע פֿעלקער אין איין משפּחה. אָבער איר וועט געוויס מודה זײַן, אַז כּל זמן עס עקסיסטירן די מאָדערנע געזעלשאַפֿטן איז דרינגלעך נייטיק, אַז יעדער נאַציע זאָל אויסקעמפֿן, אויב ניט איר פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, איז לכל הפּחות איר פֿולע גלײַכבארעכטיקונג. און זײַט איר דאָס מודה, מוזט איר אויך מודה זײַן, אַז די נאַציאָנאַלע שיפֿלות און פּאַסיווקייט פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט

ניט קיין אַלגעמיין־בירגערלעכע רעכט, איז אַן ערנסטע מניעה אויף זײַן וועג, און אַז אויפֿהייבן אים פֿון זײַן דורות־לאַנגן שלאָף, דערוועקן אין אים די שטרעבונג צו באַפֿרײַען זיך פֿון בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט איז איינע פֿון די אויפֿגאַבעס פֿון אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און באמת, אַן אַרבעטער־קלאַס, וואָס לעבט זיך אײַן מיט זײַן גורל פֿון אַ נידעריקן פֿאָלקס־עלעמענט, אַזאַ אַרבעטער־קלאַס וועט אויך ניט אויפֿהייבן קיין אויפֿשטאַנד קעגן זײַן גורל פֿון אַ נידעריקן קלאַס. דעריבער איז די נאַציאָנאַלע פּאַסיווקייט פֿון דער ייִדישער מאַסע אַ מניעה פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿונעם קלאַסן־באַוווּסטזײַן, און די אויפֿגאַבעס אויפֿצוּוועקן דעם נאַציאָנאַלן און דעם קלאַסן־באַוווּסטזײַן דאַרפֿן גיין האַנט בײַ האַנט. אמת, אויב בײַ אונדז ייִדן וואָלט, ווי אין פּוילן, עקסיסטירט אַ נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע און ניט קיין סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָלט זי געווען מסוגל צו פֿאַרטונקלען דאָס באַוווּסטזײַן פֿון אונדזער פּראָלעטאַריאַט. צום גליק אָבער עקסיסטירט אַזוינס ניט בײַ אונדז: מיר האָבן ניט וואָס מורא צו האָבן, אַז דערמיט, וואָס מיר אָנערקענען איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל דעם באַזונדערן כאַראַקטער (רופֿט עס אָן, אויב איר ווילט — נאַציאָנאַלער כאַראַקטער) פֿון אונדזער באַוועגונג, פֿאַלן מיר אַרונטער אונטער דער השפּעה פֿונעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, וועלכער איז געווען, איז און וועט זײַן אַ בלוטיקער שׂונא פֿונעם קלאַסן־באַוווּסטזײַן פֿון פּראָלעטאַריאַט.

אין דעם פֿאַל איז די שיפֿלות, די נאַציאָנאַלע אַפּאַטיע פֿון אונדזער בורזשואַזיע, וואָס וועגן איר האָבן מיר פֿריִער גערעדט, פֿאַר אונדז אַ גרויסע טובֿה. ווי נאָר מיר וועלן זיך אַליין באַפֿרײַען פֿון דעם דאָזיקן חסרון, וואָס די בורזשואַזע אינטעליגענץ האָט אָנגעבונדן אונדזער פּסיכאָלאָגיע, וועלן מיר זײַן לגמרי פֿאַרזיכערט פֿון אַן אַנדער בורזשואַזער מתּנה — פֿונעם נאַציאָנאַליזם. דעריבער קענען מיר אָן מורא אַרויסשטעלן דעם קלאָרן ייִדישן כאַראַקטער פֿון אונדזער באַוועגונג, ניט אַרײַנפֿאַלנדיק אין דער סכּנה פֿון אָפּנייג בנוגע דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און דער רוסישער בפֿרט.

מיט אונדזער טעטיקייט האָבן מיר געשאַפֿן אַ באַוועגונג, וואָס פֿאַרנעמט איצטער אין דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין רוסלאַנד דעם צווייטן אָרט. מיר דאַרפֿן מודה זײַן, אַז דער כאַראַקטער פֿון אונדזער באַוועגונג, זײַנע באַזונדערע אייגנשאַפֿטן און בכן אויך זײַנע ערפֿאָלגן הענגען אָפּ דער עיקר פֿון די ספּעציעלע תּנאים, אין וועלכע ס'איז געשטעלט געוואָרן דער ייִדישער אַרבעטער־קלאַס; מיר דאַרפֿן זיך רעכענען מיט די דאָזיקע תּנאים, וואָס זיי אַליין האָבן געשאַפֿן און פֿאַרפֿעסטיקט דעם כּוח פֿון אונדזער באַוועגונג.

דעם דריטן רעזולטאַט פֿון אונדזער באַוועגונג, דעם דריטן טעאָרעטישן נצחון איבער דער השפּעה פֿון די בורזשואַזע אידעען זעען מיר בכן אין דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פֿון אונדזער באַוועגונג.

מײַן אויפֿגאַבע איז פֿאַרענדיקט. איך האָב געפּרוּווט דערווײַזן, אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט דער קוואַליטאַטיווער פּראָגרעס פֿון אונדזער באַוועגונג. מיר בלײַבט נאָר אויסדריקן מײַן טיפֿסטע האָפֿענונג, אַז די אַלע באַמיִונגען אין דער ספֿערע פֿון אונדזער זעלבסטבאַוווּסטזײַן וועלן אומבאַדינגט האָבן אַ מזלדיקע ווירקונג אויף אונדזער ווײַטערדיקער באַוועגונג. דורך אַ שווערן ווייטאָגדיקן פּראָצעס, פֿאַר וועלכן איינצלנע פּערזאָנען האָבן טײַער באַצאָלט, איז אונדזער באַוועגונג געקומען צו אירע נצחונות. זאָל זשע איצט די באַוועגונג, מיט די דאָזיקע נצחונות הינטער זיך, גיין פֿאָרויס גיכער און לײַכטער, אַרומנעמען אַלע שיכטן פֿונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט און מיט איר בײַשפּיל ווירקן מיט ערפֿאָלג אויף די באַוועגונגען פֿון די אַנדערע פֿעלקער אין רוסלאַנד, אויף דעם זעלבסטבאַוווּסטזײַן פֿון די רוסישע און ליטווישע אַרבעטער. און זאָל אונדז אינעם קאַמף פֿעסטיקן דער געדאַנק, אַז אין די קאַטאָרזשנע תּנאים פֿון דער רוסישער פּאָליטישער ווירקלעכקייט איז דעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס געראָטן צו שאַפֿן און שטעלן אויף אַ פֿעסטן יסוד די באַוועגונג, און אַז אונדז, דער פֿאָדערשטער קאַמפֿסגרופּע פֿון דער באַוועגונג, האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַפֿרײַען פֿון דער אידעיִשער השפּעה מצד דער בורזשואַזער אינטעליגענץ.

מיט אַזעלכע אויפֿטוען אין דער פֿאַרגאַנגענהייט קענען מיר אָן מורא קוקן פֿאָרויס!

# פֿון מאַרטאָװס זכרונות װעגן דער בראָשור „דער װענדפּונקט“

אין זײַנע „זכרונות פֿון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט“[1] האָט זיך מאַרטאָװ זײער אױספֿירלעך אָפּגעשטעלט אױף דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג אין מיטן די 90ער יאָרן אין װילנע, װוּ ער האָט פֿאַרבראַכט װי אַ פּאָליטיש פֿאַרשיקטער סטודענט איבער צװײ יאָר (פֿון יוני 1893 ביז אָקטאָבער 1895), דאָס מײנט גראָד אין יענער צײַט, װען די באַװעגונג איז שטאַרק אױסגעװאַקסן און אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. מאַרטאָװ, װאָס איז אױסגעװאַקסן אין פּעטערבורג און האָט זיך באַטײליקט אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַװעגונג, איז דעמאָלט געװען זײער װײַט פֿון דער ייִדישער סבֿיבֿה און האָט זיך אין װילנע צום ערשטן מאָל פּנים אל פּנים געטראָפֿן מיטן ייִדישן אַרבעטער און מיט דער ייִדישער מאַסע בכלל. ער איז דאָ אַרײַנגעצױגן געװאָרן אין דער אַרבעט, װאָס עס האָט נאָך פֿון פֿריִער געפֿירט די „גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד“, און איז באַלד געװאָרן זײער אַקטיװ. דאָס איז געװען גראָד די צײַט, װען די ייִדישע אַרבעטער־באַװעגונג איז אַריבער פֿון פּראָפּאַגאַנדע אין די אַרבעטער־קרײַזלעך אין רוסיש צו דער מאַסן־אַגיטאַציע אין ייִדיש.

אין זײַנע זכרונות באַשרײַבט מאַרטאָװ „די סתּירותדיקע רעזולטאַטן, װאָס האָבן זיך באַקומען פֿון דער לאַנגיאָריקער קרײַזל־אַרבעט; הונדערטער ייִדישע אַרבעטער האָבן געקראָגן בילדונג און זיך דורכגעדרונגען מיט סאָציאַליסטישע אידעען, אָבער אַ טײל פֿון זײ, און דווקא פֿון די בעסערע, האָבן זיך ביסלעכװײַז אָפּגעריסן פֿון זײער קלאַס“. װינטער 1893 — 1894 האָבן די װילנער טוער פֿון דער צענטראַלער גרופּע אונטערגעפֿירט אַ סך־הכּל פֿון דער באַװעגונג און זײַנען געקומען צו אַזאַ אױספֿיר: „דער מיטלפּונקט פֿון דער טעטיקײט דאַרף פֿון איצט אָן װערן די אַ ג י ט אַ צ י ע, און די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדיסטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט דאַרף װערן אונטערגעװאָרפֿן איצטער דער דאָזיקער פֿונדאַמענטאַלער אױפֿגאַבע“. „נאָך דעם — שרײַבט מאַרטאָװ — װי מיר האָבן זיך געשטעלט אָט די אױפֿגאַבע, האָבן מיר אָנגעצײכנט די װײַטערדיקע רעפֿאָרמעס אין אונדזער אַרבעט: ערשטנס, מוזן די קאַסעס [די אַרבעטער־קאַסעס] לחלוטין איבערגעבױט װערן אין קאַמפֿפֿאַראײנען און (מ׳מוז) מאַכן אַ סוף מיט דעם כאַראַקטער פֿון קאַסעס פֿאַר קעגנזײַטיקער הילף. צװײטנס, מוז צװישן דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צענטער און די דאָזיקע קאַסעס זײַן אַ דירעקטע פֿאַרבינדונג; דאָס דאַרף פֿאָרקומען דורך שטענדיקע פֿאַרזאַמלונגען פֿון די אָנגעזעענע טוער פֿון יעדער קאַסע מיט די „פֿאָרשטײער פֿון צענטער“ (דעם קרײַז פֿון די אַגיטאַטאָרן); דריטנס, מוזן זיך די קרײַזלעך צופּאַסן צו דער אױפֿגאַבע אױסצואַרבעטן אַרבעטער־פֿירער פֿאַר אַ מאַסן־באַװעגונג... פֿערטנס, די לימודים גופֿא דאַרפֿן דער עיקר פֿאָרקומען אין י י ִ ד י ש כּדי מעגלעך צו מאַכן, אַז אַלע פּראָלעטאַריער, װאָס זײַנען מסוגל צו אַגיטאַציע־אַרבעט, זאָלן קענען אַרײַן“. די דאָזיקע נײַע װענדונג האָט, װי באַקאַנט, אַרױסגערופֿן מצד דער גרעסטער מערהײט אַרבעטער, מיטגלידער פֿון די קרײַזלעך, אַ שאַרפֿן װידערשטאַנד (די „װילנער אָפּאָזיציע“). אַ באַזונדערס „סטיכישע אױפֿרעגונג“ האָט אַרױסגערופֿן דער איבערגאַנג פֿון דער גאַנצער, אָדער כּמעט גאַנצער, פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אין ייִדיש, אָנשטאָט רוסיש: „דאָס איז געװען װי אַ פּראָטעסט קעגן אונדזער פּרוּװ איבערצורײַסן דעם פּראָצעס, אַז פּראָלעטאַרישע יחידים זאָלן זיך באַהעפֿטן צו דער אַלגעמײנער אײראָפּעיִשער סאָציאַליסטישער און צו דער רוסישער דעמאָקראַטישער קולטור“, װאָס איז, לױט דער מײנונג פֿון די פּראָטעסטאַנטן, געװען דער װיכטיקסטער ציל פֿון דער פּראָפּאַגאַנדע. אָביעקטיװ האָט זיך געהאַנדלט װעגן אָפּרײַסן די פּאַרטײ־אַרבעט „פֿון יענעם פּראָצעס פֿון קולטורעלער אַסימילאַציע, װאָס איז אין די גרעסערע שטעט פֿון ליטע (און אין דרום — נאָך מער) דורכגעפֿירט געװאָרן בײַ

---

1 די דאָזיקע זכרונות Записки социалдемократа זײַנען אַרױס אין 1922, אין פֿאַרלאַג גזשעבין אין בערלין (ב׳ 1; די װײַטערדיקע זײַנען ניט אַרױס); מיט אַ יאָר שפּעטער איז אין בערלינער פֿאַרלאַג „װאָסטאָק“ אַרױס אַן איבערזעצונג אין י י ִ ד י ש („זכרונות פֿון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט“), אָבער נאָר פֿון די ערשטע 6 קאַפּיטלעך (פֿון די 11, װאָס דער ערשטער באַנד נעמט אַרום).

אַ באַשטימטן טייל פֿון דעם ייִדישן אינדוסטריע־ און האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט, ווי אַ נעווער אין דעם קאַמף פֿאַרן קיום. דעריבער איז דער ווידערשטאַנד צו „פֿאַרייִדישן" אונדזער פּאַרטיי־אַרבעט געווען זייער אַ האַרטנעקיקער און שאַרפֿער. „אין יענער תּקופֿה זײַנען מיר צוגעגאַנגען צו דער פֿראַגע אויף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך מ'דאַרף פֿירן די אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע נאָר פֿון דעם שטאַנדפּונקט, ווי צו האָבן אין די הענט דעם בעסטן כּלי־זיין — און מער נישט. געוויס האָט דער קאַמף גופֿא פֿאַרן „זשאַרגאָן" ווי דעם בעסטן כּלי־זיין אין אַ געוויסן פּרט מיטגעהאָלפֿן, אַז עס זאָל דערוועקט ווערן דאָס „נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוווּסטזײַן" צווישן די קעמפֿער גופֿא. דאָס אָבער האָט זיך ערשט שפּעטער אַרויסגעוויזן".[2]

בײַ אַזעלכע אומשטאַנדן, דערציילט ווײַטער מאַרטאָוו, איז געווען נייטיק צו האָבן אַ ייִשובֿ־הדעת וועגן מאָטיווירן די נײַע פּראָגראַם. צוליב דעם צוועק האָט גאָזשאַנסקי (לנר) אָנגעשריבן זײַן „בריוו צו די אַגיטאַטאָרן",[3] ווו ער האָט אין אַ פּאָפּולערער פֿאָרם דערקלערט דעם מהות און די נײַע מעטאָדן פֿון דער אַרבעט. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען גענוג. נאָך לאַנגע דיסקוסיעס אין דער אָנפֿיר־גרופּע האָט אַלעקסאַנדער קרעמער דורכגעלייענט אַ מין רעפֿעראַט, וואָס האָט פֿאָרמולירט טעאָרעטיש און פּראַקטיש דעם איבערגאַנג פֿון קרײַזל־פּראָפּאַגאַנדע צו מאַסן־אַרבעט און פּאָליטישן קאַמף — דאָס איז די באַקאַנטע בראָשור „וועגן אַגיטאַציע", אָדער, ווי מ'האָט זי גערופֿן, די „ווילנער פּראָגראַם", וואָס האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפּעה אויף די אַלגעמיין־רוסישע סאָצ'־דעמאָקראַטישע קרײַזן.[4] ווינטער 1894—1895 איז אָנגעגאַנגען אַ ברייטע שטרײַק־באַוועגונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער איז ווילנע, מינסק און אין אַ ריי אַנדערע שטעט, וואָס איז אַדורך מיט גרויס ערפֿאָלג און האָט אַרײַנגעטראָגן אַ גוואַלדיקע אויפֿלעבונג אין דער אַרבעט, וואָס איז געווען געבויט אויף די מעטאָדן פֿון דער נײַער טאַקטיק. אין אַזאַ געהויבענער שטימונג איז געפֿײַערט געוואָרן דער ערשטער מאַי 1895. אין ווילנע זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן דרײַ גרויסע אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונגען אין וואַלד. דאָס ווײַטערדיקע גיבן מיר איבער מיט מאַרטאָווס ווערטער אין זײַנע זכרונות:[5]

„חוץ די דאָזיקע מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו פֿאַררופֿן אין אַ פּריוואַטן הויז אַ פֿאַרמאַכטע פֿאַרזאַמלונג פֿון אַן ענגערן קרײַז אָנפֿירנדיקע אַרבעטער, אויף וועלכער ס'האָט געדאַרפֿט געהאַלטן ווערן אַ פּראָגראַמאַטיש־טאַקטישער רעפֿעראַט, וואָס זאָל אונטערפֿירן אַ סך־הכּל פֿון אונדזער אַרבעט פֿאַר דער לעצטער צײַט און אָנמערקן אירע ווײַטערדיקע פּערספּעקטיוון. דעם דאָזיקן רעפֿעראַט האָט מען איבערגעגעבן מיר. די מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע זײַנען מיט אים געבליבן צופֿרידן און האָבן אים אָנערקענט, אַזוי צו זאָגן, פֿאַרן אָפֿיציעלן אויסדרוק פֿון די מיינונגען וועגן דער טאַקטיק פֿון אונדזער גרופּע. דער רעפֿעראַט איז פֿונאַנדערגעשיקט געוואָרן איבער פֿאַרשיידענע שטעט. מיט 5 יאָר שפּעטער, בעת דער „בונד", וואָס איז קורץ פֿאַר דעם געגרינדעט געוואָרן, האָט געזוכט טעאָרעטיש צו באַגרינדן זײַן פּאָזיציע, האָט מען דעם דאָזיקן רעפֿעראַט אַרויסגעטראָגן אויף דער ליכטיקער שײַן און אים אָפּגעדרוקט אין די אויסגאַבעס פֿון „פֿאַרבאַנד פֿון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן" אונטערן נאָמען „דער ווענדפּונקט אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג". אין משך פֿון דער צײַט האָב איך אין פֿיל פּרטים געענדערט מײַן שטאַנדפּונקט אויף די פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען, און בעת איך האָב זיך, נאָך מײַן צוריקקומען פֿון דער פֿאַרשיקונג, דערוווּסט, אַז מײַן מאַי־רעדע

---

2 זכרונות פֿון אַ סאָציאַלדעמאָקראַט (ייִדישע אויסגאַבע), ז' 173—175 א"ו, ז' 179—180.

3 איבערגעדרוקט בײַ אונדז, אויבן.

4 די בראָשור Об агитации איז אין 1896 אַרויס אין פֿאַרלאַג „סאָיוז רוסקיך סאָצ'־דעמאָקראַטאָוו" אין זשענעווע, מיט אַ נאָכוואָרט פֿון פּ. אַקסעלראָד, אָבער אָנגעשריבן איז זי געוואָרן נאָך סוף 1893 און איז דערנאָך ברייט פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ העקטאָגראַפֿירטער פֿאָרם (זע אַרײַנפֿיר־אַרטיקל צו די בראָשורן אין דעם באַנד).

5 זע מאַרטאָווס זכרונות אין דער רוסישער אויסגאַבע, קאַפּ' 7 (דער טייל איז אין דער ייִדישער אויסגאַבע ניט אַרײַן), ז' 244—247.

איז אָפּגעדרוקט געוואָרן (הגם אָן מײַן נאָמען),[6] בין איך, דעם אמת געזאָגט, ניט זייער געווען צופֿרידן.

„עס איז געווען קלאָר, ווי איך האָב זיך אָנגעשטויסן און ווי ס'האָט זיך שפּעטער באַשטעטיקט, אַז מײַן רעדע האָט מען דערפֿאַר אַרויסגעגעבן, וואָס אין איר ווערן געבראַכט אַרגומענטן לטובֿת דער אָרגאַניזירונג פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין אַ באַזונדער נאַציאָנאַל־פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי. אין מאַי 1895 האָט זיך די דאָזיקע אידעע ערשט געטראָגן אין דער לופֿטן אין אונדזערע קרײַזן; מיר האָבן זיך אויף איר אָנגעשטויסן ריין עמפּיריש — פּשוט דערפֿאַר, וואָס אַלע אונדזערע פּרוּוון אײַנצושטעלן אַן ענגע אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאַרבינדונג מיט די סאָצ'־דעמאָקראַטן פֿון מאָסקווע, פּעטערבורג, קיִעוו וכדומה האָבן זיך אָנגעטראָפֿן אויף דער שוואַכקייט פֿון די אָרטיקע באַוועגונגען, אויפֿן קרײַזל־כאַראַקטער פֿון די מאַרקסיסטישע גרופּעס, ווּ ס'האָבן געהערשט ריין אָרטיקע אינטערעסן, בעת (בײַ אונדז) האָבן זיך אַליין פֿון זיך, אָרגאַניש, אויפֿן יסוד פֿון פּאַראַלעליזם אין די אויפֿגאַבעס און איינהייטלעכקייט אין די מעטאָדן און נאָך מער — אויפֿן יסוד פֿון אַן איינהייטלעכער פּראָפֿעסיאָנעל־עקאָנאָמישער מאַסן־באַוועגונג, שוין געהאַט געשאַפֿן די עלעמענטן פֿון פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציאָנעלער פֿאַראייניקונג פֿון יענע גרופּעס, וואָס האָבן געאַרבעט צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

„איך וואָלט ניט חרט געווען מײַנע 22 יאָר און מײַן רעפּוטאַציע פֿון אַ מענטשן, וואָס שטרעבט קאָנסעקווענט צו דענקען און וואָס אים פֿעלט ניט קיין קאָמפּלוסטיקער טעמפּעראַמענט, ווען איך וואָלט זיך ניט צוגעאײַלט טעאָרעטיש צו „מאַכן קײַלעכדיק“ דעם דאָזיקן עמפּירישן פֿאַקט און בחפֿזון צונויפֿקלאַפּן און באַגרינדן אַ שיטה, אַז עס איז נייטיק אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע אָפּגעזונדערטקייט פֿון די פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע באַוועגונגען אין די גרענעצן פֿון איין לאַנד. מחמת דעם אָבער, וואָס אין אונדזער סבֿיבֿה האָט געפֿעלט די נטיה צו אַפּעלירן צו עפּעס אַ קולטור־נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, האָב איך, כּדי צו באַגרינדן די אויפֿגאַבע וועגן בילדן אַן אַלגעמיין־ייִדישע סאָצ'־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, געקענט אָנקומען נאָר צו אַ נאַנץ וווּלגאַרן אַרגומענט וועגן דעם, אַז די ספּעציפֿישע ייִדישע רעכטלאָזיקייט, פֿון וועלכער דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט לײַדט מער פֿאַר אַלעמען, וועט ניט געפֿינען אין דער אַלגעמיין רוסישער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג קיין גענוג פֿעסטן קעמפֿער. צוליב אָט דעם ספּעציעלן קאַמף קעגן דער רעכטלאָזיקייט, האָב איך געזאָגט, איז נייטיק אַ באַזונדערע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. אויב איך בין בכן ניט אַוועק אויף יענעם וועג פֿון „פֿאַרטיפֿן“ די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט, מיט וועלכן מען האָט זיך שפּעטער באַנוצט ווי אַן אַרגומענט אין קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער קולטור, האָב איך פֿון דעסט וועגן געגעבן די פֿולע רעכט צו זאָגן, אַז מיט מײַנע אַרגומענטן שפּײַז איך דעם אומצוטרויִ פֿון די ייִדישע אַרבעטער צו זייערע ברידער פֿון דער הערשנדיקער נאַציע. אין מײַנע שמועסן מיט אייניקע אונדזערע אַרבעטער איז מיר טאַקע אין גיכן אויסגעקומען אויסצוהערן אָט דעם פֿאָרוואָרף, און מערקנדיק ווי אַזוי מײַן אַרגומענטאַציע ווערט ווולגאַריזירט און קאָמענטירט אין די דיסקוסיעס אויף די פֿאַרשיידענע פֿאַרזאַמלונגען, האָט זיך בײַ מיר טיף אין האַרצן דערוועקט אַ ספֿק אין דער ריכטיקייט פֿון דער נאָטע, וואָס איך האָב גענומען. דעריבער, בעת עס האָט זיך געמאַכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט, האָב איך עס אויסגענוצט בכדי אָנצושטעלן מײַן לירע אויף אַן אַנדער טאָן. דאָס איז געווען אין דער צײַט פֿון שטרײַק אויף דער טאַבאַק־פֿאַבריק [בײַ עדעלשטיינען, אין ווילנע, אויגוסט 1895]. נאָך דעם ווי דער רבֿ פֿון שטאָט איז פֿײַערלעך, אין שול, אָנגעפֿאַלן אויף די שטרײַקערס, רופֿנדיק אָפּצוהיטן די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אחדות פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, וואָס די סאָציאַליסטן ווילן אַרונטעררײַסן, און די אַרבעטער־אווידיטאָריע, וואָס האָט פֿאַרפֿולט די שול, האָט מיט פֿײַפֿערײַ אַראָפּגעריסן די דאָזיקע דעקלאַמאַציע, האָב איך אָנגעשריבן אַ בלעטל, וואָס

[6] מאַרטאָוו איז אַרעסטירט געוואָרן אין יאַנואַר 1896 און פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, פֿון וואַנען ער האָט זיך אומגעקערט סוף 1899 אָדער אָנהייב 1900 און האָט בקרובֿ עמיגרירט קיין אויסלאַנד, און דאָרטן משמעות האָט ער זיך באַקענט מיט דער בראָשור, וואָס איז אַרויס אין 1900.

איז שפעטער (אין 1896) געווען אפגעדרוקט [איבערגעדרוקט] אינעם זאמלבוך „ראבאטניק“, וואס די גרופע „אסוואבאזשדעניע טרודא“ האט ארויסגעגעבן[7] און אין וועלכער איך האב אנטוויקלט דעם געדאנק, אז די יידישע ארבעטער־באוועגונג שפאלט אויף תמיד די נאציאנאלע אחדות און איר מעגלעכקייט און אז די פארלוירענע סאציאלע פארבינדונג מיט דער וועלט פון יידישן קליינבירגערטום דארף דער יידישער פראלעטאריאט פארבייטן דורך דער פארבינדונג מיטן רוסישן און פוילישן פראלעטאריאט“.

---

עד כאן מארטאוו. די דאזיקע ציטאטע איז אויף אזוי פיל וויכטיק, אויף ווי פיל זי גיט א כאראקטעריסטיק פון די פראבלעמען, וואס האבן זיך געשטעלט אין פראצעס פון ארבעט פאר די פיאנירן פון דער יידישער סאציאליסטישער מאסן־באוועגונג—דער ווילנער „גרופע יידישע סאציאל־דעמאקראטן אין רוסלאנד“, און גיט די געשיכטע פון דער מאי־רעדע, אמת—אין זייער א סוביעקטיווער פארם. אין דער יידישער באוועגונג גופא איז מארטאוו געווען א צופעליקע פערזאן און באלד נאך זיין פארלאזן ווילנע האט ער זיך פון איר אין גאנצן אפגעריסן און איז שפעטער אפילו געווארן א שארפער פרינציפיעלער געגנער פון א זעלבשטענדיקער יידישער ארבעטער־ארגאניזאציע. א יונגער סטודענט, דורכויס אן אסימילירטער, אבער א פעיקער, מיט א מארקסיסטישער בילדונג, א גוטער קענער פון רוסיש און א ליטעראריש באגאבטער, איז ער אין ווילנע אריינגענומען געווארן אין דער „גרופע יידישע סאציאל־דעמאקראטן“, אין איר אנפירקרייז פון געניטע טוער, וועלכע האבן ארויסגעטראגן אויף זיך די גאנצע ארבעטער־באוועגונג אין יידישן „תחום“ און דערהויבן זי צו א מדרגה, וואס האט לגמרי געפעלט אין די רוסישע צענטערס, ווו די באוועגונג איז נאך געווען ביז גאר שוואך און פרימיטיוו. די אידעען, וואס ער האט פארמולירט אין זיין מאי־רעדע, זיינען כלל נישט געווען זיינע פערזענלעכע, טיפישע פאר אים אליין, נאר קאלעקטיווע — דער שטאנדפונקט פון דער גאנצער גרופע, וואס איז דיסקוטירט און ארומגערעדט געווארן פריער אין משך פון לאנגע חדשים. די „נאציאנאל־פראלעטארישע“ מאמענטן פון דער רעדע זיינען אויף דער יידישער ארבעטער־גאס כלל קיין נייס ניט געווען, און דעם ערשטן אפקלאנג פון זיי הערן מיר שוין אין דער רעדע פון איינעם פון די פיר רעדנערס אויף דער ע ר ש ט ע ר מאי־פייערונג אין ווילנע אין 1892, דאס מיינט נאך מיט 3 יאר פאר מארטאווס ארויסטרעטונג — אמת נאך אין זייער א נאיווער פארם („אויף דעם זעלביקן וועג ווי אלע דארפן אויך יידן קעמפן“, „נאר פון אונדז אליין הענגט אפ אונדזער באפרייונג און רעטונג“, „מיר יידן דארפן ביי זיך ניט אראפפאלן“ — דער יונגער יידישער דור „דארף נעמען א ביישפיל פון אונדזערע אבות און באווייזן אונדזער עקשנות אינעם קאמף פאר דער באפרייונג פון דער מענטשהייט“ אאז״וו).[8] וואס איז שייך די אנדערע מאמענטן פון דער רעדע — וועגן דעם איבערגאנג צו א מאסן־באוועגונג, צו מאסן־אגיטאציע און פאליטישן קאמף—געפינען מיר זיי פארמולירט אין גאזשאנסקיס „בריוו צו די אגיטאטארן“[9] און באזונדערס קלאר אין אלעקסאנדער קרעמערס דערמאנטער בראשור „וועגן אגיטאציע“, וואס ביידע זיינען זיי אנגעשריבן געווארן פאר מארטאווס רעדע.

די געדאנקען זיינען בכן ניט געווען ניי און זיינען ארויסגערוקט געווארן אין פראצעס פון דער באוועגונג, וואס האט שוין געהאט הינטער זיך 7—8 יאר רייכע געניטשאפט און נסיונות. מארטאוו, מיט זיין טעמפעראמענט פון א יונגן נעאפיט און אויך מיט דער קלארקייט פון א גוטן פארמולירער, האט זיי אין זיין רעדע נאר ס י ס ט ע מ א ט י ז י ר ט און דערביי האט ער זיי אפילו שוין צו פיל פארשפיצט און איבערגעבויגן אין איין זייט. אומפארשטענדלעך

---

7 וועגן דעם בלעטל (בראשור) און דער יידישער אויסגאבע „דער שטאט־מגיד“ זע אין דעם באנד, אינעם אריינפיר־ארטיקל צו די בראשורן.

8 זע „פיר רעדעס פון יידישע ארבעטער“ אין דעם באנד.

9 זע אין דעם באנד.

בלייבט זיין אָנווייז, אַז ער האָט באַלד חרטה געקראָגן אויף דעם „נאַציאָנאַליזם“ און האָט געפונען פאַר נייטיק אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל, נאָכן שטרייק אויף עדעלשטיינס פאַבריק, צו דערמאָנען, אַז די יידישע אַרבעטער דאַרפן זיין ענג פאַרבונדן מיטן אַלגעמיינעם פּראָלעטאַרישן קאַמף און אַז קיין נאַציאָנאַלע אחדות ביי יידן עקסיסטירט ניט: די „גרופּע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן“ האָט נאָך פריער, אין אַלע אירע אויסגאַבעס, קיין מאָל ניט פאַרפעלט צו זאָגן דאָס אייגענע, מיט ניט ווייניקער שאַרפקייט, און אפילו מאַרטאָווס דערמאָנטער אַרטיקל גופא איז דאָך אויך פון איר טאַקע אַרויסגעגעבן געוואָרן, תחילת ווי אַ העקטאָגראַפירטע בראָשור אין רוסיש און דערנאָך ווי אַ געדרוקטע (מיט הוספות) אין יידיש.[10] אַזוי אַז אויך אין דעם פּרט האָט מאַרטאָוו ווייניק וואָס מחדש געווען.

ניט געקוקט דערויף, וואָס די דאָזיקע אידעען זיינען ניט געווען ניי, איז מאַרטאָווס רעדע פון דעסט וועגן ביז גאָר אינטערעסאַנט און ביז גאָר וויכטיק, טאַקע דערפאַר, וואָס זי דריקט קלאָר אויס די שטימונגען, וואָס זיינען אויפגעקומען אין דער עמפּירישער ווירקלעכקייט אין פריילינג פון דער אַרבעטער-מאַסן-באַוועגונג אין יידישן „תחום“.[11]

א. טש.

---

10 זע דעם אַריינפיר-אַרטיקל צו די בראָשורן אין דעם באַנד.

11 מאַרטאָוו איז, ווי באַקאַנט, געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פירער פון די „מענשעוויקעס“. זיין אמתער נאָמען איז צעדערבוים, יולי אָסיפּאָוויטש; געבוירן אין אָדעס אין 1873, געשטאָרבן דעם 4טן אַפּריל 1923 אין בערלין. ער איז געווען אַן איניקל פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים, דעם רעדאַקטאָר פון „המליץ“, און איז אויסגעוואַקסן אין פּעטערבורג. חוץ זיין ברייט באַקאַנטן פּסעוודאָנים אין ליטעראַרישן פּסעוודאָנים „ל. מאַרטאָוו“, האָט ער אויך געהאַט אַנדערע פּסעוודאָנימען: „יעגאָראָוו“, „אַלעקסעיי“, „בערג“. נאָך דער רעוואָלוציע האָט ער זיך אָנגעהויבן אונטערשרייבן „יו. מאַרטאָוו“ (אַנשטאָט „ל. מאַרטאָוו“) און מיט דעם נאָמען זיינען געחתמעט אויך זיינע ציטירטע מעמואַרן.

האַנטשריפֿטלעכע בראָשור

# ווי פֿיהרט זיך די מלוכה אין דײַטשלאַנד?*

איהר פֿאָהרט אַרויס אַ־נ־ערך 10 אַ זייגער אין דער פֿריה מיט'ן קאָוונער צוג און אין דרײַ, פֿיע־ שעה אַרום קומט איהר שוין אין אַ נײַע לאַנד מיט נײַע מענשען, וואָס ריידען גאָר אויף אַ נײַע שפּראַך, וואָס אינטערעסירען זיך גאָר מיט אַנדערע פֿראַגעס ווי מיר, וואָס לעבען גאָר אַנדערס אין גאַנצען; אין דײַטשלאַנד געפֿינען זיך אַ זעלכע מורא'דיגע פֿאַבריקעס און זאַוואָדען מיט אַ זעלכע קונצליכע און טײַערע מאַשינעס, וואָס בײַ אונז האָט מען גאָר וועגען אַ זעלכע זאַכען גאָר ניט געהערט; דאָ אין די פֿאַבריקעס און אין די זאַוואָדען אַרבייטען הונדערטער, טויזענטער מאָננער, ווײַבער און קינדער און זיי לאָזען דאָרטען פֿאַר די ביסעל שכירות זייער לײַב און לעבען. אין גערמאַניען זעהען מיר ווי פֿיעל שטאָדט, וואו דער אומפֿערשעהמטער און משוגעתדיגער לוקסוס געפֿינט זיך נעבען די אומבעדעקטע אָרימקייט און דעם פֿערחושכ'טען לעבען פֿון די מענשען, וואָס האָבען אַוועקגעלייגט זייער בלוט און שווייס צו בעשאַפֿען פֿאַר די ליידיק־געהער זייערע אונגעהייערע רײַכטום.

וואָס טהוט דאָ דער פּראָלעטאַרי (דער אַרבייטער) כּדי צו פֿערבעססערין זײַן לעבען? צו רעכענט ער ווען עס איז צו וואָהנען אין די פּאַלאַצען וואָס ער אַליין בויט? צו האָפֿט ער, אַז עס וועט קומען אַ צײַט, וואָס ער אַליין וועט געניססען פֿון די פֿרוכט פֿון זײַנע הענד? צו טהוט ער עפּעס, אַז די צײַט זאָהל קומען וואָס גיכער?—

דער דײַטשעסער פּראָלעטאַרי קלעהרט גרײַלעך וועגען דעם און ניט קיין ביסעל—ניט נאָר ער קלעהרט, אויך ער טהוט! הלוואַי אויף אונז געזאָגט געוואָרען, אַז בײַ אונז זאָלען זײַן אַ זעלכע סאָיוזען (קאַססעס) אין אחדות, ווי בײַ דעם דײַטשעסען אַרבייטער. מיר זאָלען אַזוי גוט פֿער־שטעהן אונזער לאַגע, מיר זאָלען אַזוי גוט פֿיהרען אונזער שטרײַט מיט אונזערע בלוטיגע שונאים, ווי עס פֿיהרט עם דער דײַטשעסער פּראָלעטאַריאַט... לאָמיר זעה גוט בעטראַכטען די קראַפֿט פֿון דעם קלאַס מענשען, מיט וועלכע די דײַטשע אַרבייטער האָבען צו טאָהן, ווי שטאַרק זײַנען זייערע בלוט־זויגער און ווי זיי שטאַרעווען זיך דריקען און סטיקען דעם אַרבייטער.

דער דײַטשעסער אַרבייטער האָט שוין ניט פֿון נאָכטיגען טאָג אָן אָנגעהייבען צו פֿערשטיין, אַז עס איז שלעכט און ביטטער צו לעבען אויף דער וועלט—ווײַל עס דריקט ניט נור זײַן איינע־

---

* אָן עקזעמפּלאַר פֿון דער דאָזיקער האַנטשריפֿטלעכער לעקציע, וואָס מיר דרוקן דאָ איבער, געפֿינט זיך אין *אַרכיוו פֿון „בונד"*. דאָס איז מסתּמא ניט פֿון די ערשטע שריפֿטן און שטאַמט ניט פֿריִער פֿון 1894; אין טעקסט פֿאַררופֿט זיך דער מחבר אויף די רעזולטאַטן פֿון די רײַכסטאַג־וואַלן אין 1893. אויף דעם עקזעמפּלאַר שטייט Вильно № 1; דאָס מיינט אפשר, אַז דאָס איז געווען די ערשטע לעקציע וועגן דער מלוכה־אָרדענונג אין דײַטשלאַנד (פֿג"ל צום סוף). ווער איז איר מחבר איז אומבאַקאַנט; מען איז משער, אַז דאָס איז געווען ס. *זעלדאָוו־ניעמאַסקי*.

מיר דרוקן דאָ די בראָשור (לעקציע) מיט אייניקע קיצורים און—ווי בכלל אַלע אַנדערע בראָשורן און דאָקומענטן פֿון דעם מין—אין דער *אָרטאָגראַפֿיע פֿון אָריגינאַל*, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יענער צײַט און סביבה. די הערות געהערן דעם *מחבר*, אויך די דערקלערונגען אין טעקסט אין *קײַלעכ־דיקע* קלאַמערן; אין *עקיקע* קלאַמערן גיבן מיר אונדזערע פֿאַרטײַטשונגען, דער עיקר פֿון די רוסישע ווערטער, וואָס ווערן אין דער בראָשור זייער אָפֿט באַנוצט. — *רעדאַקציע*.

נער בעל הבית אַליין, ער איז טיעף איבערצײַגט, אַז דער גאַנצער קלאַסס קאַפּיטאַליסטען איז זײַן דם־שׂונא און דעריבער דאַרף ער פֿיהרען אַ שטרײַט מיט אַללע קאַפּיטאַליסטען פֿון דער גאַנצער וועלט, און אויך דעריבער דאַרף ער זיך פֿעראייניגען מיט אַללע ארבייטער פֿון זײַן פֿאַבריק, שטאָדט, לאַנד און דער וועלט, כדי אָפּצונעהמען בײַ די בורשזואַזיע די מאַכט. ער האָט פֿערשטאַנען, אַז די גרעסטע מאַכט בײַ די קאַפּיטאַליסטען איז די בורשזואַזניע פּראַוויטעלסטוואָ [רעגירונג], עס ליגט בײַ איהם טיף, טיף אין קאָפּ און אין הארצען, אַז די איצטיגע פּראַווי־טעלסטוועניע וולאַסט [רעגירונגס־מאַכט] איז, ווי קאַרל מאַרקס האָט געזאָגט אין 1848טען יאָר, ניט מעהר ווי אַ קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען צו פֿיהרען די קהלשע (אַלגעמיינע) געשעפֿטען פֿון דער בורשזואַזיע. כּל זמן וואָס אַף די הערױסגעבונג נײַע זאַקאָנעס, אַף חיל (מיליטער), געוועהר פֿאַר די חיל (ביקסען, הארמאַטען א. ז. וו.) אַף דינים (סודיאַען) [ריכטער], אַף די בילדונג פֿון נאַראָד [פֿאָלק], אַף דער הוצאה און הכנסה פֿון דער לאַנד א. ז. וו.— ווען אויף דאָס אַלץ וועלען זײַן די בעלי בתים די בורשזואַזיע, וועט דעם ארבייטערס לאַנג ניט קענען ווירקליך זיך פֿערבעסערען. על כּן איז איינע פֿון די נאָהנסטע און די וויכטיגסטע ציעלען פֿון דעם דײַטשעסען ארבייטער־פּאַרטײ צו פֿיהרען אַ שטרײַט מיט דער פּראַוויטעלסטוואָ, ווירקען אויף איהר אַזוי, אַז זי זאָל מוזען קלעהרען ניט נאָר וועגען איהר בן יקר — די בורשזואַזיע, נאָר עס זאָל איהר ליגען אויך אין מוח איר שטיף־קינד — דער פּראָלעטאַריאַט.

לאָמיר זעהן ווי פֿיהרט זיך די מלוכה אין דײַטשלאַנד. צוליעב דעם וועלען מיר מוזען אַ קוק טאָהן, וואָס זאָגט די נײַעסטע איסטאָריע פֿון דײַטשלאַנד.

אַז מיר זאָלען אַ קוק טאָהן אויף די איצטיגע דײַטשלאַנד אין די 30טע, 40טע, 50טע יאהרען פֿון דעם יאהרהונדערט, וועלען מיר זעהן, אַז די זעלביגע לאַנד האָט גאָר געהאַט אַ־נ־אַנ־דערע צורה; זי איז ניט געווען ווי איצטער אַ גרויסע, שטאַרקע מלוכה, נאָר אַ פֿוהלע קליינע מלוכהלעך, וואָס יעדערער האָט געהאַט איהר קאָניג, איהר בעזונדערע פּראַוויטעלסטווע און איהר בעזונדער פֿיהרונג פֿון דער מלוכה — נאָר דאָס זײַנען נעוועזען שוין די לעצטע יאָהרען פֿון זייער זעלבשטענדיגען (סאַמאָסטאָיאַטעלנעם) לעבן. די אידעע וועגען פֿעראייניגונג איז שוין לאַנג געווען בײַ די דײַטשען אין זינען. שוין מיט הונדערט יאָהר צוריק האָבען אָנגעהייבען שריפֿטסשטאָלער (ליטעראַטאָרען) צו שרײַען אין איין קול, אַז פֿאַר מיכלען (ד. ה. דעם דײַטשען פֿאַסט ניט ער זאָל זײַן צוטהיילט אויף אַ פֿולע טהיילען; אַז יעדער אמת׳ער דײַטש דאַרף זיך סטאַרעווען וועגען זײַן פֿאָטערלאַנד, אַז זי זאָל זײַן שטאַרק און מאָכטיג, אַז פֿון איהר כּוח זאָל זיך הערען אויף דער גאַנצער וועלט! אַז איצטער אַביזשאַיען [באַעוולען] דעם דײַטשען אַלע פֿאָלקער און ער נעבעך האָט קיין כּוח ניט זיך צו בעשיצען. וואָס איז די אורזאַכע פֿון אַזאַ געשרייה, צוליעב וואָס פֿאַר אַ צרה האָט מען דאָ אָנגעהייבען אַזאַ גוואַלד? פֿאַר וואָס זײַנען פֿריהער די דײַטשען ניט געווען קיין פּאַטריאָטען[1] פֿון גאַנץ דײַטשלאַנד, וואָס האָבען זיי זיך דאָס איצטער אַ־ומגעזעהן? די מעשה דערפֿון איז אַזוי. אין דעם לעצטען יאָהר־הונדערט האָט די בורשזואַזיע אָנגעהייבען צו ווערען אַלץ שטאַרקער, די פּראָדוקציאָן[2] איז געוואָרען זעהר גרויס און פֿאַר יעדער קליינער דײַטשעשע מלוכה איז געוועזען אונמעגליך אויסצוברייינגען אַלע איהרע פּראָדוקטען בײַ זיך אין לאַנד, מען האָט געדאַרפֿט זוכען נײַע מאָרק,[3] וואו אויסצוברייינגען די סחורה, הײַנט די נאָהנסטע און די בעסטע מאָרק האָבן געקענט זײַן די אַללע קליינינקע דײַט־שעסע מלוכהלעך, וועלכע זײַנען געלעגען איינע נעבען די אַנדערע; אָבער כּדי מען זאָל דאָרטין קענען פֿיהרען מסחור, דאַרף מען האָבען פּראַווע [רעכט] פֿרײַהע אַרומפֿאַהרען פֿון איין לאַנד אין דער אַנדערע, האָבען אין יעדער לאַנד פּראַווע צו מאַכן מסחור, עס דאַרף זײַן אין אַלע לאָנדער, וואו מען האַנדעלט די זעלביגע מאָאָס און געוויכט א. ז. וו. דאָס אַלץ וואָלט זיך די

1 אַ פּאַטריאָט הייסט אַ ליבהאָבער פֿון זײַן פֿאָטערלאַנד.

2 פּראָדוקציאָן הייסט דער אויסאַרבייטונג פֿון פֿערשיידענע סחורות.

3 אַ מאַרק הייסט אַ אָרט, וואו אויסצוברייינגען סחורה, דהיינו, דײַטשלאַנד איז אַ מאַרק פֿאַר די רוסישע ברויט, ווײַלע דאָרטין ווערט פֿערקויפֿט דער רוסישער ברויט.

בורזשואַזיע געקענט דערשלאָגען נור דאַן, אַז אַלע לענדער וואָלטען זיך פֿעראייניגען און ווערען איין מלוכה. איצטער פֿאַרשטעהען מיר שוין פֿון וואַנען שטאַמט דער דײַטשעסער פּאַטריאָטיזמוס אין ערשטען האַלבען פֿון הײַנטיגען יאָהר־הונדערט; דער בורזשוא איז אַ ביסל קליגער פֿאַר דעם אַרבייטער — דער אַרבייטער הייבט אָן צו קלעהרען וועגען זײַן לאַגע נור דאַן אַז עס איז איהם שוין אַזוי שלעכט, האַק צו ליגען זיך אָן שטאַרבען, דער דײַטשעסער בורזשוא הייבט אָן צו טרובען וועגען זײַנע בעדערפֿניסע באַצײַטען[4] איבער אַלע גאַסען און זעהט מיט אַלע מיטלען צו דערגרייכען זײַן ציעל. מען דאַרף זײַן צום געשעפֿט אַ פּאַטריאָט, ווערט ער אַ פּאַטריאָט, מען דאַרף כּדי רײַך צו ווערען איבערקעהרען מלוכות קאַפּויער, נעהמט ער זיך צו דעם אויך; מען דאַרף האָבען ביכער, גאַזעטען, שזורנאַלען, וואָס זאָלען וועגען דעם שרײַען און זאָלען פֿאָרשטעלען דעם ענין פֿאַרן עולם (פּובליקע) אין דער שאָנסטער פֿאָרמע, ווערען זיי בעשאַפֿען.

די אידעע פֿון דער דײַטשעסער בורזשואַזיע מאַכען פֿון אַלע דײַטשעסע מלוכות איין מלוכה איז געוועזען זעהר אָנגענומען בײַ די פּראַוויטעלסטווא פֿון אַלע קליינע דײַטשעסע מלוכות; די דײַטשעסע מלוכות האָבען זיך ביסלעכווײַז פֿעראייניגט אין אַ טאַמאָזשענעם סאָיוז (פֿעראייניגונג) [צאָלבונד]...

...די זעלביגע בורזשואַזיע, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ לאַרעם וועגען דעם פֿעראייניגונג פֿון דײַטשלאַנד, די זעלביגע בורזשואַזיע האָט נעדאַרפֿט, כּדי איהרע געשעפֿטין זאָלען געהן גוט, אַז די אײַנוואוינער פֿון דער לאַנד זאָלען אַלע האָבען גלײַכע פּראַוועס, יעדער זאָל זיך קענען בעשעפֿטיגען מיט וואָס ער וויל, יעדער זאָל האָבען פּראַווע צו מאַכען אַ פֿאַבריקע, אַ זאַוואָד אָן סטעסנעניע (דריקונג), עס זאָלען זײַן אין לאַנד אורזילישצעס [לערן־אַנשטאַלטען] פֿון וואַנען עס זאָלען אַרויסקומען געבילדעטע לײַט (כעמיקער, טעכניקער, בוכהאַלטערעס, אַדוואָקאַטען, דאָקטיירים, לעהרער, פּראָפֿעססאָרען, שריפֿטשטעלער א. ז. וו.), כּדי צו פֿיהרען די געשעפֿטען פֿון דער בורזשואַזיע. דיעזער קלאַס געבילדעטע מענשען איז געוואָרען אַלץ גראָססער מיט דער פֿערגראָססרונג פֿון דער בורזשואַזיע. דיע מענשען האָבען אָנגעהייבען צוזאַממען מיט דער בורזשואַזיע קלעהרען, ווי צו קריגען אַ וואָליאַניע [ווירקונג] אויף די רעגירונג, ווי צו קריגען פּאָליטישע פֿרײַהייט, ד. ה. מען זאָל לאָזען יעדערען פֿרײַה ריידען, שרײַבען, מאַכען סאָבראַניעס [פֿאַרזאַמלונגען], מען זאָל אָן דעם רצון און סאָגלאַסיע פֿון נאַראָד [צושטימונג פֿון פֿאָלק] ניט אַרויס געבען קיין זאַקאָנעס [געזעצען], ניט מאַכען קיין נײַע נאַלאָגען [שטײַערן] א. ז. וו. די פּראַוויטעלסטווא איז בעשטאַנען פֿון דוואָריאַנעס־פּאָמעשציקעס, בעזיצער פֿון גרויס אימעניעס. די אינטערעסען פֿון די דוואָריאַנעס זײַנען געוועזען כּנגד צו די אינטערעסען פֿון די פֿאַבריקאַנטען. די פּאָמעשציקעס ווילען נעהמען וואָס פֿאַר אַ גרעססערען מקח פֿאַר זייערע תּבֿואה, די פֿאַבריקאַנטען אָבער ווילען אַז ברויט זאָל זײַן וואָס וועלוועלער, כּדי זיי זאָלען קענען וויינינגער (צאָלן) דעם אַרבייטער. צווייטענס, האָבען די פּאָמעסציקעס געהאַט אַלערלײַ פּריווילעגיען[5] שוין פֿון הונדערטער יאָהר, נאָך פֿון די צײַטען, אַז די בורזשואַזיע איז אויף דער וועלט ניט געוועזען. די דוואָריאַנעס האַלטען זיך פֿאַר יחסנים און קוקען אויף די בורזשואַזיע ווי אויף פּראָסטע, נידריגערע פֿאַר זיי מענשען; פֿאַרשטעהט זיך, אַז די דוואָריאַנעס האָבען געזעהן זייערע פּריווילעגיעס און פּראַוועס פֿון די הענט ניט אַרויסצולאָזען; די מלכים פֿון די קליינע דײַטשעסע מלוכות, וואָס זיי זײַנען אַלע גרויסע פּאָמעשציקעס, האָבען געזעהן ווי עס איז און מיט אַלערלײַ שטריינגע מיטלען צו דערווערגען און פֿערשטיקען די נײַע אידעען פֿון דער בורזשואַזיע וועגען פּאָליטישע פֿרײַהייט — און צוריק קעהרען די אַמאָליגע צײַטען, ווען קיינער האָט בײַ זיי די פּראַוועס ניט געקלעהרט אַפֿילו אַרויסצורײַסען (די דוואָריאַנעס, וואָס ווילען, אַז אַלץ אין דער מלוכה זאָל בלײַבען ווי מיט הונדערטע יאָהרען צוריק איז געווען—האָט מען אָנגערופֿען קאָנסערוואַטאָרין, די בורזשואַזיע, וואָס האָט געוואָלט פּאָליטישע פֿרײַהייט—

---

4 דאָס קען מען זאָגען וועגען די בורזשואַזיע ניט נאָר דײַטשעסע אַלײַן, נאָר די בורזשואַזיע פֿון דער גאַנצער וועלט אין אַלע לאַנדער און דערהויפּט פֿון רוסלאַנד.

5 פּריווילעגיע — הייסט אַ פּראַווע, וואָס איין מענש, אָדער אַ קלאַס מענשען האָבען, וואָס אַלע איבעריגע האָבען דאָס ניט.

ליבעראַלען), אָבער די אידעען פֿון די ליבעראַלען האָבען זיך אַלץ פֿערגרעסערט, ווײַל עס האָט זיך אַלץ פֿערגרעסערט די בורזשואַזיע. די אונצופֿרידענהייט מיט דער קאָנסערוואַטיווע (דוואָרי-אַנסקע) פּראַוויטעלסטווא איז דערגאַנגען ביז צום העכסטען גראַד אין 1848טען יאָהר, די רעוואָ-ליוציע אין פֿראַנקרײַך אין דיעזעס יאהר איז געווען אַ פֿונק, וואָס האָט אָנגעצינדען דעם פֿײַער פֿון רעוואָליוציע אין אַלע דײַטשעסע לאָנדער; סײַ די אַרבייטער, וואָס האָבען ניט פֿערשטאַנען די פֿערשיידענהייט פֿון זייער עקאָנאָמישער לאַגע מיט די לאַגע פֿון זייערע בעלי-הבתּים און וואָס האָבען געטאָהן אַלעס, צו וואָס זייערע בעלי-הבתּים האָבען זיי צוגערעט — סײַ די אַרבייטער, וואָס זיי האָבען יע פֿערשטאַנען דיעזען אונטערשייד, נאָר וואָס האָבען אויך געוואוסט וואָס פֿאַר אַ טובֿה קען זיי ברײַנגען די פּאָליטישע פֿרײַהייט, האָבען אָנגעהייבען אָפֿען און אין דער-הויך צו פֿאָדערן אויף די גאַססען פּאָליטישע פֿרײַהייט. די בלאָטטער, שזורנאַלען, וואָס האָבען שוין לאַנג, ווי עס איז נאָר מעגליך געווען, געשריבען וועגען די גוטסקייט פֿון פּאָליטישע פֿרײַהייט, האָבען יעצט צוגעגעבען דעם נאַראָד מוטה און ענערגיע. אויף די גאַססען איז דערגאַנגען ביז געשלעג מיט דעם חיל, וועלכען די פּראַוויטעלסטוועס האָבען אַרויסגעשיקט, כּדי צו בערוהיגען מיט „בלוט און אײַזען" דאָס פֿאָלק"; נאָר דער נאַראָד האָט סוף כּל סוף בײַגעקומען דעם וואָיסק [מיליטער]. די פּראַוויטעלסטוועס האָבען געמוזט הייסען דעם חיל אָפּטרעטען; אַז מען האָט ניט געקענט בײַקומען מיט שלעכטען, האָט מען געמוזט פּראָווען מיט גוטען. די מלכים האָבען צוגעזאָגט פּאָליטישע פּראַוועס און פֿרײַהייט דעם נאַראָד, מען האָט געמוזט מאַכען ליבעראַלע פּראַוויטעלסטוועס; מען האָט צוזאַממענגערופֿען פּאַרלאַמענטען,[6] כּדי צו שרײַבען קאָנסטיטוציעס ד. ה. אַ פּאַפּיער, וואו עס שטעהען די גלאַוונע, הויפּטליכע זאַקאָנעס, נאָך וועלכע עס וועט זיך פֿיהרען די מלוכה, וואו עס שטעהען די הויפּטליכע פּראַוועס פֿון נאַראָד און פֿון קיסר (למשל, דער קיסר טאָר ניט מאַכען קיין נאַלאָגען אָן ווילען און הסכּמה (סאָגלאַסיע) פֿון פּאַרלאַמענט, אויב דער קיסר, למשל, וועט מאַכען אַ נאַלאָג אָן דעם וויסען פֿון פּאַרלאַמענט, האָט יעטווידער פּראַווע ניט צו צאָהלען). די בורזשואַזיע האָט ניט פֿאַרגעססען צו סטאַרעווען זיך וועגען פֿעראיי-ניגונג פֿון דײַטשלאַנד, אָבער די פּראַוויטעלסטוועס האָבען זיך אַלץ ניט געקענט צוזאַממענריידען און מרוצה ווערען איינע מיט די אַנדערע וועגען די אוסלאָוויעס [באַדינגונגען].

בײַ דעם דײַטשעסען פֿאָלק איז דערווײַלע געווען שמחה וששון, וואָס ער האָט געוואונען דעם שטרײַט מיט די פּראַוויטעלסטוועס. ער האָט פֿערגעססען צו קלעהרען אָבצונעהמען אין גאַנצען די מאַכט בײַ די פּראַוויטעלסטוועס, זיי זאָלען אַליין קיין מאָהל ניט קענען אויסשטעהלען אַנטקעגען עם דעם חיל, ער האָט די פּראַוויטעלסטוועס דעם חיל ניט אָבגענומען; אַז אַ דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט פֿלעגט פּראָווען וועגען דעם זאָגען אַ וואָרט, האָבען אַלע אָנגעהייבען צו שרײַהען, אַז דאָס אַלעס, וואָס געהערט דעם חיל, איז ניט דעם פּאַרלאַמענטס זאַך. דיעזער (דער פּאַרלאַמענט) האָט מער ניט ווי צו שרײַבען אַ קאָנסטיטוציע. דער נאַראָד האָט אין גיכען שוין דערפֿילט און געהאַט גוט חרטה אויף זײַן ניט פֿאָרזיכטיגקייט, וואָס ער האָט געלאָזען דעם קיסר פֿאַר אַ גאַנצען בעל הבית אויף דעם וואָיסק, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. דיזע ניט פֿאָרזיכטיגקייט פֿון פּאַרלאַמענט און דעם נאַראָד איז טאַקי געווען זעהער גוט פֿאַר די קיסרים. אַז דער נאַראָד האָט זיך אַ ביסעל בערוהיגט, האָבען די קיסרים יעדער אין זײַן לאַנד צוריק אָנגעהייבען אַרײַנצופֿיהרען די פֿריהערדיגע פּאָראָנדקעס; זיי האָבען געגעבען דעם נאַראָד אַנדערע קאָנסטיטוציעס, ד. ה. זיי האָבען געגעבען דעם נאַראָד אַנדערע הויפּטליכע (גלאַוונע) פּראַוועס און זאַקאָנעס, נאָך וועלכע עס דאַרף זיך פֿיהרען די מלוכה...

...די ערסטע יאהרען נאָך די רעוואָליוציע פֿין 1848טען יאהר זײַנען די פּראַוויטעלסטוועס געוואָרען זעהר שטריינג: מען פֿלעגט אַרײַנזעצען אין טורמע, פֿאַרשיקען, שטראָפֿירען יעדערען, וואָס פֿלעגט פּראָווען זאָגען, שרײַבען איין פֿרײַען וואָרט, אָדער אויב מען האָט געמאַכט אַ סאָבראַניע (אָט אַזוי, ווי עס פֿיהרט זיך יעצט בײַ אונז אין רוסלאַנד). אָבער די צײַט האָט

6 אַ פּאַרלאַמענט הייסט אַ סאָבראַניע, וואָס מאַכט נײַע זאַקאָנעס, נאַלאָגן פֿאַר דער לאַנד. די דעפּוטאַטען (גלאַסנע) אין סאָבראַניע קלײַבט אויס דאָס פֿאָלק.

געמומען דאס איהרעס: אין עטליכע יאהר ארום, האטשי עס איז געווען אזא שטרייננהייט און אפשר טאקי צוליעב די שטרענגהייט, האבען די ליבעראלען ווייטער א:געהויבען אויפצוהייבען דעם קאפף. די פראוויטעלסטוועס האבען אנגעהייבען צו קלעהרען וועגען נייע מיטלען אויסצוקארע- נאיען דעם ליבעראליזם, און א מיטעל האט זיך געפונען; דאס איז געווען צו פעראייניגען אלע דייטשעסע מלוכות אין איינע. דיעזע אלטע אידעע פון דער בורשזואזיע האט זעהר מיט געפיהלט די פראוויטעלסטווא פון פרייסען.

אין די זעכציגסטע יאהרען פון דיעזען יאהרהונדערט האט דער פרייסישער קעניג מיט זיינע מיניסטארען זיך גענוממען צו דער זאך מיט גרויס פלייס און ענערגיע... די קריג מיט פראנקרייך אין 1870טען יאהר האט זיי בעוויזען די אללע קליינינקע דייטשעסע מלוכות דעם מאכט פון פרייסען. דאס איז געווען זעהר א גוטע צייט פאר פרייסען צו געבען א קאנסטיטוציע די אללע פעראייניגטע מלוכות, פון וועלכע עס איז איצט געווארען איין מלוכה, די גערמאנישע אימפעריא (רייך). די קאנסטיטוציע פון 1871טען יאהר איז די זאקאנעס, וועלכע בעשטיממען די פראוועס פון דייטשעסען אימפעראטאר און פון די אללע קליינע דייטשעסע קיסרימלאך און פון דעם דייטשעסען נאראד עד היום. עס פערשטעהט זיך וואס פאר א וולאסט האט די דייטשעסע [פרייסישע?] רעגירונג פאר זיך גענוממען און וואס זי האט געגעבען די איבעריגע מלוכות; די גראסערע דייטשעסע מלוכות, ווי באיערען, ווירטענבערג, באדען, וואס האבען געהאט א גראס- סערין מאכט אין דער פראנצויזיש-פרייסישע קריג פון 1871טען יאהר, האבען געקראגען מיט א ביסעל מעהרער וולאסט און פראוועס ווי די איבעריגע, אבער דאס איס גאר ניט א:טקעגען די פראוועס פון פרייסען, וואס זי האט בעקוממען אין די פיהרונג פון די לאנג געטראגענע און ניי געבארענע מלוכה. די איבעריגע מלוכות קענען נאך עד היום ניט פערגעססען דאס, וואס די פרייסישע רעגירונג שטרעבט זיי צו מאכען פאר איהרע פראווינצען, גובערניעס, און זיי זעהען מיט אלע קרעפטען דעם פרייסישען רעגירונג ניט נאך צו געבען. מען דערציילט אפילו אזא גלייכווערטעל: א לעהרער פון באיערען פרעגט ביין תלמיד „ווער זיינען די אויסערסטע פיינד פון דייטשלאנד?״ — „רוסלאנד, פראנקרייך״ ענטפערט דער תלמיד; „און ווער זיינען די אינערסטע שונאים פון גערמאניע?״ — „פרייסען״ זאגט דער תלמיד. דער משל וויזט ריכטיג ווי מען האט געהאלטען אין די איבעריגע געוועזענע סאמאסטאיאטעלנע [זעלבשטענדיקע] לאנדער פון גערמאניע וועגען פרייסישע רעגירונג.

איצט לאמיר זעהן, וואס פאר א מין קאנסטיטוציע האט די פרייסישע רעגירונג איינגע- פיהרט אין דעם נייעם גערמאנישען רייך (אימפעריע). די פרייסישע רעגירונג, ביי וועלכע דער נאנצער קאך-לעפעל איז געווען ביסמארק[7] האט אללע קעניגע, פירסטען, הערצאגען א. ז. וו. געלאזען אויף זייערע ארטער מיט די זעלביגע טיטולען, וואס פריהער, נאר די וולאסט האט זי ביי זיי א סך אבגענוממען. ווי אזוי, וועלען מיר שפעטער זעהן. אי, וועט איר דאך מסתמא זאגען, אז מען האט צוגענומען די וולאסט ביי אללע מלכים האט מען דאך מסתמא צוגענומען א שטיק וולאסט ביי דעם פרייסישען קיסר אויך, טא וואס האט דא פרייסען אויסגעפיהרט? — שרעקט זיך ניט; ביס- מארקס קאפיל איז ניט אויסגעדארט, ער ווייס, וואס ער טהוט. דעם פרייסישען קעניג האט מען נאך אין ווערסאל (א שטאטיל לעבען פאריז) אין 1871טען יאהר, אז מען האט דא געמאכט שלום מיט פראנקרייך, פארגעלייגט דעם טיטעל „גערמאנישער קיסר״...

...דא האט שוין די פראוויטעלסטווא פון פרייסישען קעניג, וועלכע האט אויסגעארבייט די דייטשעסע קאנסטיטוציע, ניט געקענט געבען דעם דייטשעסען קיסר סאמאדערזשאוויע ווי ביי אונז אין רוסלאנד, ד״ה ער זאל קענען אויך דא טאהן וואס ער וויל און ווי ער וויל. די דייטשעסע פאלק איז שוין געווען געוויינט זיך אריין צו מישען אין דעם אינעווענינסטען פיהרונג פון דער מלוכה, ער האט צוליעב דעם א פולע בלוט פארגאסען אין 1848טען יאהר, ווען עס איז געווען א רעוואליוציע אין אללע דייטשעסע לאנדער, מען האט געמוזט מאכען די זאך איידעל; אויף דעם

---

7 ער לעבט נאך איצט אויך. ער איז געווען א קאנצלער אין דייטשלאנד פון 1870טען יאהר ביז 1891טען יאהר.

פאפיער זאל דער קיסר קיין שום וולאסט אין דעם הינזיכט (ד״ה אין אינערליכע, אינעווייניגסטע אופראוולעניע) ניט האבען, אבער פאקטיש זאל ביי עם זיין דער גאנצער קראפט. די ראל, וואס דער קיסר שפיעלט אין דער אינערליכע פאליטיקע בעשטעהט מער ניט אין דעם, וואס ער בעשטימט די צייט ווען דער בונדסראט און דער רייכסטאג[8] דארפען זיך צוזאמענקלייבען, ער עפינט זיי, לייגט אב די זאסעדאניעס [זיצונגען], ער לאזט זיי פערנא:רער. דער קיסר אליין געהט ניט אין די איינריכטונגען (ד״ה אין בונדסראט און אין רייכסטאג), נאר ער האט צו דערצו א מיניסטער, וואס רופט זיך אן קאנצלער. דעם מיניסטער נאזנאצעט [באשטימט] דער קיסר אליין. דער קאנצלער איז דער איינציגער מיניסטער פון דער רייך (אימפעריע); ער פיהרט אללע געשעפטען און ער מוז זיך אונטערשרייבען אויף אלע פריקאזען פון קיסר. אויב עס איז ניטא זיין אונטערשריפט, האט דער קייזערליכער בעפעהל (פריקאזאניע) קיין שום כח ניט. פאר דער פאר איז דער קאנצלער שולדיג און אטוועטסטווענע [פאראנטווארטלעך], אויב דער פריקאז איז ניט נאך דער קאנסטיטוציע נאך. פאר וועמען איז ער אטוועטסטווענע? פאר גאט צו פאר לייטען? פאר לייטען ד״ה פארן דייטשעסען פאלק? דאס שטעהט ניט אין דער קאנסטיטוציע. פאר גאטט? מסתמא פאר גאטט![9] איהר זעהט שוין צרויס א ביסעל די חיטראסט פון דער פרייסישען פראוויטעלסטווא, איר זעהט שוין ביסמארקס קאפיל? עס איז טאקע גאנץ שיין. דער קיסר דארף ניט אטוועצאיען [זיין פאראנטווארטלעך] אויף דאס, וואס ער טהוט; ער קלייבט אויס פאר זיך א קאנצלער וועמען ער וויל, וועלכער דארף ענטפערין פאר אלע קייזערליכע פריקאזען און פאר וועמען?... פאר גאטט. הייגט ווארט ביז וואנען אליהו הנביא וועט קוממען און וועט רעכט מאכען אלע קשיות צווישען דעם קיסר און זיין קאנצלער און צווישען דאס פאלק...

...אין בערלין אויף א שאהנע גאס קענט איר זעהן א נייעם שאהנעם פאלאץ, און אויף אים שטעהט אויפגעשריבען „דעם דייטשעסען פאלק״, דאס איז דער פראשזענט [פרעזענט], וואס מען האט דעם פאלק געגעבין. דיעזע הויז הייסט „רייכסטאג״; אין דעם קלייבען זיך צוזאממען די דעפוטאטען, וואס דער גאנצער דייטשעסער פאלק קלייבט אויס און אן זייער ווילען און סאגלאסיע קען ניט דער קיסר ניט דער בונדסראט קיינע זאקאנעס, וואס געהערן דער אופראוולעניע אין דער לאנד גופא, ד״ה ווגוטרענעיע [אינערלעכע] פאליטיקע, ניט האבען קיין כח. די סאגלאסיע, די דעפוטאטען ד״ה דער רייכסטאג האט פראווע אליין צו פארלייגען פראיעקטען, און אז די גראססערע טהייל דעפוטאטען איז פאר דעם פארגעלייגטען פראיעקט, געהט אריבער דאן דער פראיעקט אין בונדסראט, און אויב דער בונדסראט איז אויך פאר דעם פראיעקט, זא ווערט

---

8 דער בונדסראט איזט די פראוויטעלסטווא פון יעדער מלוכה, וועלכע עס נאזנאצעט די סאבראניע פון פארשטייער, פון וועלכע די דייטשעסע אימפעריא בעשטעהט. דער רייכסטאג דאס איז דער פארלאמענט, דאס זיינען די פארשטעהער פון דעם גאנצען דייטשעסען פאלק.

9 אין אנדערע לענדער, ווי אין איינגלאנד, פראנקרייך, איטאליען, עסטרייך, אונגארען א. ז. וו. קלייבט דער קיסר אויס א פרעדסעדאטעל [פארזיצער] פון די מיניסטערען ניט וועמען ער וויל, נאר ער קלייבט אויס א דעפוטאט פון פארלאמענט, איינעם פון די רוקאוואדיטעלעס [אנפירער] פון דער גרעסטער פארטיי אין פארלאמענט און דיעזער קלייבט שוין אויס צו זיך חברים, ד״ה מיניסטארען. געוויינטליך זיינען דאס די וויכטיגסטע מענשען פון זיין פארטיי. אויב די מיניסטערסטווא (דער קאבינעט ווי מען רופט דאס) האט אין וואסער עס איז פאר א פראגע, אדער א פראיעקט די קלענערע טהייל שטיממען, גאלקעס פאר איר פראיעקט, ד״ה, אז ווען די גראסטע טהייל דעפוטאטען פון פארלאמענט איז ניט אויף דער זייט פון דער מיניסטערסטווא, געהט די מיניסטערסטווא ארויס אין אטסטאוקע [דימיסיע]: דאן קלייבט דער קיסר אויס ווייטער א נייעם גלאוונעם [הויפט-] מיניסטער פון די פארטייען, וואס האבען די גראסטע טהייל שטימען. אויך האט אין אזעלכע לאנדער דער פאר-לאמענט פראוו צו אבגעבען פאד סוד (מאכען א משפט) אויף די מיניסטארען, ווען די גראסטע טהייל דעפו-טאטען געפינען, אז די פראוויטעלסטווא האט געטאהן עפעס פארקעהרט ווי עס שטעהט אין קאנסטיטוציע, ד״ה די מיניסטעריום איז פעראנטווארטליך דעם פארלאמענט פאר דאס פאלק. אין דייטשלאנד נאזנאצעט דער קיסר דעם קאנצלער און ענטזאגט איהם, ניט קוקענדיג צו דער פארלאמענט שטימט צו ניט מיט איהם.

דער פראיעקט א זאקאן, און דער קיסר מוז וועגן דעם זאקאן אביאווען [פארעפנטלעכן] דעם לאנד. ווי מיר זעהען האבען די דעפוטאטען אליין פראווע ארויסגעבען זאקאנעס. אויף די זאקאנעס דארפען מסכים זיין אלע פראוויטעלסטוועס פון דייטשלאנד, ד״ה דער בונדסראט און דערהויפט די פרייסישע. צום ביישפיעל, דער סאציאל־דעמאקראטישער דעפוטאט „בעבעל[10] האט פארגעלייגט א זאקאן, אז עלזאס־לאטאריננען, וועלכע די דייטשעסע מלוכה האט אפגענומען אין פראנקרייך, און אין וועלכע די רעגירונג האט אריינגעפיהרט א סך שטריינגע זאקאנעס, ווי אין גאנץ דייטשלאנד, אז אין די לאנד זאל מען אריין פיהרען די זעלבע זאקאנעס, וואס זיי זיינען אין גאנץ דייטשלאנד. דער רייכסטאג האט דעם פראיעקט צוגענוממען, אבער די פרייסישע פראוויטעלסטווא, דער בונדעס־ראט זיינען אויף דעם זאקאן ניט מסכים געווען, דעריבער האט דער רייכסטאג אומזיסט פארבראכט אסך צייט... פון דעסטוועגען זאלט איהר ניט מיינען אז דער רייכסטאג איז פאר דעם נאראד מער ניט ווי א שפילכעלע. דאס איז ניט ווי ביי אונז, למשל, אין רוסלאנד, אז די דומע [געמיינט די שטאט־פארוואלטונג] טהוט אלץ וואס דער גובערנאטער הייסט איהר. אין רייכסטאג דארפט איהר וויסען זיין האבען די דעפוטאטען פראווע צו ריידען פריי כמעט אללעס וואס זיי ווילען. און אלעס וואס מען רעדט און עס טוט זיך אין רייכסטאג ווערט געשריבען אין אלע בלעטער. די גאנצע לאנד לייענט די בלעטער און אינטערעסירט זיך זייער מיט די זאניאטיעס [פארהאנדלונגען] אין רייכסטאג. יעדער דעפוטאט, וואס עס קלייבט אויס דער סאזנאטעלנער [באוווסטזיניקער] טייל דאס פאלק, רעדט און גיט זיין שטימע אין דער טובה פון דעם קלאסס מענשען, וועלכע האבען עם אויסגעקליבען. איר דארפט וויסען זיין אז אין דייטשלאנד האט זיך ביי די וויבארעס אין 1893 יאר גערעכענט 1,786,000 (1 מיליאן 786 טויזינט) ארגאניזירטע ארבייטער, וואס האבען אויסגעקליבען 43 סאציאל־דעמאקראטען פאר דעפוטאטען. די 43 סאציאל־דעמאקראטישע דעפוטאטען לאזען ניט דורך גאר נישט דיא פראוויטעלסטווע, זייא ערקלערין אין פארלאמענט אלע דריידלעך פון פראוויטעלסטווע און פון דער בורשזואזיע...

איצט זעט איר שוין אז חאצע דער חיל איז ביים דייטשיסען קיסר אין די הענט, חאך דער רייכסטאג האט קיין פראווע ניט ארויסגעבין די זאקאנעס אן דיא הסכמה פון בונדעס־ראט, ווא דער דייטשעסער קייסער שפילט די גרעסטע ראלע, חאצע דער קייסער און דער קאנצלער זיינען ניט פעראנטווארטליך (אטוועטסטוועננע) פארין נאראד, פון דעסטוועגען קען די דייטשעסע פראוויטעלסטווע ניט גיין אנטקעגען דעם ווילען פון נאראד.

אויב דיא פראוויטעלסטווע טוט עפעס קעגען דעם ווילען פון פארלאמענט, דאן הייבט זיך אויף דיא גאנצע דייטשעסע פאלק קעגען דער פראוויטעלסטווע. עס ווערט איין רעוואליוציע. דער מאכט פון נאראד האלט אפ דיא דייטשעסע פראוויטעלסטווע פון צו טאן אנטקעגען זיין ווילען. אט דאס איז דיא פריצינע [סיבה] פאר וואס אזא פאל, וואס דיא רייכסטאג זאל זיין 3 מאל אנקעגען דיא פראוויטעלסטווע, אדער אז דיא פראוויטעלסטווע זאל אזוי שטארק נאסטאיעווען [באשטיין], איז נאך קיין מאל ניט פארגיקומען. זיא זעט בעסער אונטער צו קויפען וואס עס איז פאר א פארטייא פון רייכסטאג, כדי זיא זאל וואטירען (געבין אירע שטימען) פאר דער פראוויטעלסטווע — א זעלכע זאכען איז ניט קיין נאווענע, אדער דיא פראוויטעלסטווע לאזט ארויס א סלוך [קלאנג], אז די לאנד איז אין געפאר, אז למשל פראנקרייך וויל אנפאלן, דעריבער זאל מען פארגרעסערען דיא חיל און געבין אויף דאס נאך געלט און דער בורשזוא, וואס ציטערט פאר זיין פארמעגען איז גרייט אויף אלץ פאר דער פראוויטעלסטווע. אויסער זאקאנעס דארף דיא פראוויטעלסטווע האבען דיא סאגלאסיע פון רייכסטאג אויף דיא פריכאדען און ראסכאדען [הכנסה און הוצאה] אויף דאס גאנצע יאר ד. ה. דער פארלאמענט דארף מסכים זיין אז דיא לאנד זאל היינטיגען יאר איינצאלין אזויא פיל נאלאגען און אזויא פיל און מיא זאל דאס געלט ארויס־געבין אויף דיא און דיא זאכען. דער ביודשזעט דארף א פריער צוגענומען ווערין אין בונדעס־ראט, נאך דעם גייט ער אריבער אין רייכסטאג, פארקערט ווי אלע זאקאנעס (וועלכע גייען

---

10 מען האט (אים) אויסגעקליבען אין עלזאס־לאטרינגען.

אַ פֿריער אין רייכסטאַג און נאָך דעם אין בונדעסראַט). אייב דער רייכסטאַג נעמט צו דעם ביודזשעט פונקט אין דיא פֿאָרמע ווי עס האָט אים צוגענומען דער בונדעסראַט, איז גוט. אייב דער רייכסטאַג פֿאַרענדערט אים, גייט דער ביודזשעט ווײַטער אַריבער אין בונדעסראַט, און דען קען דער ביודזשעט אַרום שפּאַצירען פֿון בונדעסראַט אין רייכסטאַג און צוריק עטלעכע מאָל, ביז וואַנען זייביידע (דער רייכסטאַג און דער בונדעסראַט) וועלען זיך ניט סאָגלאַסענען.

יעדער דעפּוטאַט פֿון רייכסטאַג האָט פּראַװ צו פֿאָדערען אַ רעכענונג (אַ אָטצאָט) פֿון דאָס וואָס די פּראַוויטעלסטווע טוט, און דער קאַנצלער מיט די מיניסטאָרען, וואָס האָבען פּראַװ צו זיצען אין רייכסטאַג דאַרפֿען געבען אַ ענטפֿער אויף אַלע פֿראַגעס, און דער רייכסטאַג זאָגט אויס צו ער איז צופֿרידען צו ניט מיט די ראַזפּאָריאַשזעניעס [פֿאַראָרדענונגען] פֿון דער רעגירונג.

דער רייכסטאַג האָט פּראַװ געבען אָנצוהערענס דער פּראַוויטעלסטווע דעם רצון פֿון נאַראָד, זײַנע בעדערפֿניססע, אויפֿווײַזען אויף די פֿעהלערען אין די רעגירונג, בעטען אַז די פֿעהלערען און די בעזפּאָריאַדקעס [אומאָרדענונגען] זאָלען מער ניט זײַן.

אַלץ, וואָס טהוט זיך אין רײַכסטאַג, איז אָפֿפֿען און עס קענען דערציילט ווערען אין שזורנאַלען, גאַזעטען און ביכער (אין דער פּרעסע, פּעטשאַט). אָט די אַלע פּראָטעס האָט דער פּאַר־לאַמענט. ווי פּאָלזעוועט [נוצט אויס] ער זיך מיט די פּראַוועס, וועמעס אינטערעסין פֿערטיידיגט (זאַשציטשציעט) ער, וואָס פֿאַר מענשען זײַנען אין רייכסטאַג, וואָס פֿאַר אַ מנהגים איז דאָרטען־ווענען דאָס אַלעס וועל איך אײַך דערציילען פּאָדראָבנע [אויספֿירליך] דעם צווייטען מאָהל.

ע נ ד ע

העקטאָגראַפֿירטע בראָשור

[דער שער־בלאַט:]

אַרבײַטער אַללער לאַנדער

פֿעראייניגט אײַך!

# דיא

# אַרבײַטער רעוואָליוציאָן

פּרײַז 20 קאָפּ. — אויסגאַבע פֿון אידישע

1897 — סאָציאַל־דעמאָקראַטען

---

## אַרבײַטער רעוואָליוציאָן*

### I

הונדערט יאָהר צוריק איז אין פֿראַנקרײַך געווען אַ רעוואָליוציאָן, וועלכע איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען: „דיא גרויסע פֿראַנצויזישע רעוואָליוציאָן". די פֿירער פֿון איהר זײַנען געווען דורך אויס סוחרים, הענדלער, פֿאַבריקאַנטען, און דעריבער רופֿט מען איהר אויך דיא בורזשואַזנע רעוואָליוציאָן.

ביז דער צײַט זײַנען געווען גאָר אַנדערע פּאָריאַדקעס. דער מסחר איז דאַן ניט געווען אַזייא ענטוויקעלט, וויא איצטער, דעריבער האָט געלד דאַן ניט געקענט שפּילען אַזאַ ראָליע, וויא הײַנט, דאַמאָלסט האָט געשפּילט אַ ראָליע יחוס: ווער עס האָט געהאַט אַ גרעסערען טיטול, וועמעס נאָמען איז געווען עלטער צווישען דוואָריאַנעס, יענער האָט געשפּילט אַ גרעסערע ראָליע.

---

* אַן עקזעמפּלאַר פֿון דער בראָשור געפֿינט זיך אין אַ ר כ י ו פֿ ו ן „ב ו נ ד", זייער גוט העקטאָ־גראַפֿירט. אויף וויפֿיל ס'איז באַקאַנט, שטאַמט זי פֿון מ י נ ס ק, מיטן די 90ער יאָרן. דער מחבר איז ניט פֿעסטגעשטעלט. די הערות זײַנען פֿון אַ ו נ ד ז, ווי אויך אייניקע אויסטײַטשונגען אין טעקסט אין עקיקע קלאַמערן. מיר דרוקן די בראָשור אָן שום קיצורים.—ר ע ד אַ ק צ י ע.

דיא דוואָריאַנעס זיינען גיוועזן דיא גרעסטע לייט אין דער מדינה, און זייא האָבען גיהאַט אַללע פּריווילעגיעס אָדער זכיות; דיא רעגירונג איז גיוועזן דורך אויס אין זייערע הענד. דיא בירגער, סוחרים און פאַבריקאַנטען האָבען קיין ווערדע ניט גיהאַט, עס פערשטייט זיך, אַז דיא דוואָריאַנעס האָבען אַרויסגיגעבען אַזעלכע זאַקאָנעס,[1] וועלכע עס האָט זייא גילייכט; זיך האָבען זייא אין גאַנצען בעפרייט פון נאַלאָגען [2] און דיא גאַנצע לאַסט פון אָבצאָלונגען האָבען זיי אַאָנגילייגט אויף דיא, וואָס האָבען קיין דעה ניט גיהאַט ביים אַרויסגעבען דיא זאַקאָנעס, ד. ה. אויף דיא ערדארבייטער, סוחרים און די איבעריגע שטאָט־איינוואוינער, אַ חוץ דעם מיטען אַרויסגעבען זאַקאָנעס, וועלכע זיינען גיוועזן נוטציג פאַר דיא דוואָריאַנעס, האָבען זייא אַפילו געשטערט דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און האַנדעל.

אין דיא דערפער האָט עקזעסטירט פאַנסציזנע, און אין דיא שטעט זיינען גיוועזן דיא צעכען, וועלכע האָבען זייער נאָך גיקוקט ווער עס האָט רעכט זיך צו בעשעפטיגען מיט וואָס פאַר אַן אַרבייט. אַזעלכע פּאָריאַדקעס האָבען זייער גערדריקט דעם פויער גלייך וויא דיא שטאָדטלייט. דיא סוחרים און איבריגע קאַפּיטאַליסטען זיינען גיוועזן אונצופרידען מיט דיא פּאָריאַדקעס, ווייל איבער דיא פאַנסציזנע האָבען זייא ניט גיהאַט גענוג פרייע אַרבייטער, וועלכע זאָלען אויף זייא האָרעווען; און איבער דיא צעכען האָבען זייא ניט גיקענט עפענען נייע אָדער פערגרעססערן דיא אַלטע געשעפטען, ווען אַפילו זייא וואָלטען שוין געהאַט גענוג אַרבייטער, די צעכען האָבען זייא געשטערט פרייא בעשעפטיגען זיך מיט וואָס זייא ווילען; און אַ חוץ דעם האָבען זייא ניט גיהאַט קיינע פּראַוועס, קיינע רעכטען אַרויסצוגעבען אַ זעלכע זאַקאָנעס, וועלכע עס לייגט פאַר זייא; ווייל פּאָליטישע רעכט האָט גיהערט דורך אויס צו די דוואָריאַנעס און גלחים. עס פערשטייט זיך, אַז דיא בורזשואַזיא האָט זיך מיט אַלע קרעפטען געשטרעבט פרייא צו ווערען פון די קייטען, וועלכע האָבן זיא געבונדען, און ניט געלאָזען פרייא פליהען, וויא זייא האָבען נאָר דערשפירט, אַז זייא קענען אויף הייבען דעם גאַנצען נאַראָד,[3] האָבען זייא דאָס גלייך געטאָן. פון דיא פריהערדיגע פּאָריאַדקעס האָבען זייא אַ שטיין אויף אַ שטיין ניט געלאָזען: זייא האָבען אַראָבגעוואָרפען דיא פּראַוויטעלסטוואָ,[4] אונויצטאָזעט [5] פאַנסציזנע, און דיא צעכען, זייא האָבען צוגענומען דיא רעכט פון דיא דוואָריאַנעס, און האָבען פּריזנאַיעט,[6] אַז אַלע זיינען גלייך און פרייא פאַרן זאַקאָן... גאָר ניט שעמענדיג זאַך האָבען זייא אַריין גיכאַפּט דיא בעסטע און דיא גרעסטע מאַיאָנטקעס, וואָס האָבען גיהערט צו דוואָריאַנעס און דוכאָווענסטוואָ.[7]

אָנגיהייבען און געפירט דיא רעוואָלוציאָן האָט דיא בורזשואַזיא, נאָר בלוט האָט פערגאָססען דאָס אַרבייטס־פאָלק. דאָס גאַנצע פאָלק איז גיוועזן פאַר אינטערעסירט אין דעם, אַז דער אַלטער אָרדנונג זאָל אונויצטאָזעט ווערען, דעריבער האָבען זייא געאָפּפערט מיטן לעבען פאַר פרייהייט און גלייכהייט. נאָר אונטער דעם וואָרט „גלייכהייט“ האָט דיא בורזשואַזיא גימיינט אַז זיא זאָל גלייך זיין מיט דוואָריאַנעס; און „פרייהייט“ האָט זיא גידאַרפט, כדי עס זאָל זיין אַ „פרייער“ אַרבייטער, וועמען זייא זאָלען קענען עקספּלואַטירען.

נאָך דיא רעוואָלוציאָן זיינען דיא גאַנצע בעלי בתים אין לאַנד גיוואָרען די קאַפּיטאַליסטען, און עס פאַרשטייט זיך, אַז דיא גאַנצע רייכטום האָט זאַך גענומען קלייבען אין זייערע הענד. עס איז קיין זכר ניט געבליבען פון דיא אַלע הינדערניסען, שטערונגען, וואָס האָט פריהער עקזעסטירט פאַר דיא אינדוסטריאַ, און דיא קאַפּיטאַליסטען האָבען פרייה גענומען קלייבען רייכטום. דיא אינדוסטריאַ האָט זאַך גענומען ענטוויקלען אין פאָלען פראַכט; דיא צאָהל פון גרויסע מאַסטערסקאַיעס [8] איז אַלץ מעהר און מעהר געוואָרען, מאַשינען האָט מען אָנגעהייבען איינצופיהרען אַלץ עפטער און עפטער. עס האָבען זאַך געגרינדעט באַנקען, וועלכע גיבען זייערע קאַפּיטאַלען דיא גרויסע געשעפטסלייט, און דאָס אַלעס האָט מיטגעבראַכט, אַז דיא קאַפּיטאַליסטען זיינען געוואָרען אַלץ רייכער און שטאַרקער.

---

1 געזעצן.
2 שטייערן.
3 פאָלק.
4 רעגירונג.
5 אָפּגעשאַפט.
6 אָנערקענט
7 גייסטלעכע, קלער.
8 ווארשטאַטן.

## II

איצטער, אין אונזער צייט, האָבען שוין דיא קאַפּיטאַליסטען איינגענומען דיא גאַנצע וועלט, אַלעס געהערט צו זייא, און דער גאַנצער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג איז איינגעשטעלט אזויא, אַז דיא קאַפּיטאַליסטען האָבען פֿרייהה די מעגליכקייט אומגעשטערט צו פֿערגרעססערן זייערע קאַפּי- טאַלין; גאָר דער רייכטום, אַלע אוצרות פֿון דער וועלט שווימט צו די קאַפּיטאַליסטען אין דיא הענד. — נאָר וויא קלייבט זאַך דאָס אָן דער קאַפּיטאַל?

דער קאַפּיטאַליסט באַקומט זיין רווח פֿון דעם ארבייטערס ניט באַצאָלטע פּראַצע. דער אַרבייטער וואָס האָרעוועט 12 שעה אין טאָג, באָקומט מעהר ניט וויא פֿאַר 6 שעה. דיא איבריגע 6 שעה האָרעוועט ער פֿאַרן פֿאַבריקאַנט אומזיסט, כאָטש עס ווייזט אויס, אַז דער פֿאַבריקאַנט צאָלט דעם אַרבייטער פֿאַרן גאַנצען טאָג.

וואָס מעהרער דער בעל הבית באַקומט אַלע טאָג פֿון אַרבייטער אונבעצאָלטע פּראַצע, דאָס גרעססער איז זיין פֿערדינסט, דעריבער סטאַרעוועט זאַך דער פאַבריקאַנט צו פֿערלייגערן אַלץ מעהרער דעם אַרבייטסטאָג ניט פערגרעססערנדיג דיא שכירות. וואָס מעהרער פּראָדוקטען דער אַרבייטער וועט צוליב דיא פֿאַרגרעססערונג פֿון אַרבייטס-טאָג בעשאַפֿען, דאָס גרעססער וועט זיין דעם פֿאַבריקאַנטס רווח, אַ חוץ דעם וויל דער פֿאַבריקאַנט דורך אויס צאָהלען פֿון שטיק, ווייל דאַן סטאַרעוועט זאַך דער אַרבייטער מעהרער כּדי צו פֿאַרדינען אַן-איבעריגען גראָשען. דער פֿאַבריקאַנט האָט נאָך מיטלען אַרויסצוציהען פֿון אַרבייטער דיא לעצטע כּחות, אום רייכער צו ווערן. דעם פֿאַבריקאַנטס גאַנצער רווח, וויא מיר זעהען באַשטייט דורך אויס פֿון דעם אַרביי- טערס פּראַצע, וועלכע ווערט ניט אָבגעצאָלט. דער דאָכאָד, הכנסה, וואָס דער פֿאַבריקאַנט באַקומט ווערט צוטיילט אויף 2 טהיילען: 1 טהייל פֿערלעבט ער, און מיט דער אַנדער טהייל פֿאַרבריי- טערט ער זיין עסק, זיין מסחר, און וויא דער עסק ווערט פֿאַרברייטערט פֿירט ער איין אַלץ גרעססערע פֿאַרבעססערונגען, בעססערע מאַשינען. אַ פֿאַבריקאַנט, בייא וועלכען דער געשעפֿט גייט גוט, קען באַקומען 20 פּראָצענט און מעהרער אויפֿ'ן קאַפּיטאַל, ד. ה. אויף יעדע 100 רובל, וואָס ער גיט אויס אויף מאַשינען, מאַטעריאַל צו פּראָדוצירען און אַרבייטס-לאָהן באַקומט ער 20 רובל רווח. אין אַ צייט פֿון עטליכע יאָהר קען אַזאַ פאַבריקאַנט האָבען אַ קאַפּיטאַל אין 2 מאָל מעהרער וויא פֿריהער. אַז ער האָט שוין אַ קאַפּיטאַל אין 2 מאָל מעהרער, פֿאַרברייטערט ער דיא פֿאַבריקע, דינגט מעהרער אַרבייטער, קויפֿט מעהרער מאַטעריאַל, פֿירט איין בעססערע מאַשינען, שיקט פֿאַרנאַנדער מעהרער אַגענטען, וועלכע ריהמען אויס אין דער גאַנצער וועלט וועגען זיין סחורה. דאַן באַקומט ער אַ גרעססערען קרעדיט; דיא בייאנק גיבען גערן אַזאַ קאַפּיטאַליסט פֿיעל געלד ער דאַרף, און דאַן קען ער פֿאַרגרעססערען זיין קאַפּיטאַל אין 2 מאָל אַ סך גיכער וויא פֿריהער.

אזוי זעהען מיר, אַז דעם פֿאַבריקאַנטס קאַפּיטאַל קען וואַקסען אָן אַ שיעור אין 10, 20, 30 מאָהל מעהרער. וואָס גרעססער איז זיין קאַפּיטאַל, ווערט אַלץ גרעססער און ברייטער זיין פֿאַבריקע, באַקומט ער אַלץ מעהרער דאָכאָד, און ווערט אַלץ מעהרער אָנגענוממען אין דער וועלט.

איצטער ווייסען מיר שאהן וויא אזוי און פון וואַנעט וואַקסט דער קאַפּיטאַל. דער קאַפּיטאַל ווערט אָנגעקליבען און וואַקסט אַלץ גרעססער דורך דעם, וואָס צו דעם ערסטען קאַפּיטאַל ווערט צוגעלייגט אַלע יאָר דער רווח, וועלכען דער פאַבריקאַנט באַקומט פֿון דיא ניט אָבגעצאָלטע אַרבייטערס פּראַצע.

## III

דער פֿאַבריקאַנט באַקומט זיין רווח פֿון דיא אַרבעטער ניט מיט באַרע געלט, נאָר מיט סחורה, מיט פּראָדוקטען. כּדי ער זאָל קענען צולייגען זיין פּריפֿיט [פּראָפֿיט] צום קאַפּיטאַל, ד. ה. ער זאָל קענען פֿאַרגרעססערן זיין געשעפֿט, דאַרף ער דאָס סחורה פֿאַרקויפֿען, ער דאַרף איהר אויסבייטען אָף באַרעס געלד. אַז זיא זאָל בלייבען ליגען בייא איהם אין סקלאַד, קען ער האָבען דערפֿון מעהר ניט וויא היזק. דער פֿאַבריקאַנט איז אַלזאָ פֿאַראינטערעססירט אין פֿאַרקויפֿען דיא

פֿאַרטיגע סחורה פונקט וויא אין עקספּלואַטירען דעם ארבייטער, וואָרום ווען ניט, וועט ער פֿון דיא עקספּלואַטאַציע גאָרניסט ניט האָבען.

נאָר פֿאַרקויפֿען דיא פֿאַרטיגע סחורה איז גאָר ניט אַזוי גרינג. אפֿ'ן מאַרק איז דאָ ניט איין פֿאַבריקאַנט, וואָס וויל זיין סחורה פֿאַרקויפֿען, עס איז דאָ אַ פֿולע; און יעדערער פֿון זייא שלאָגט אָב קויפֿער איינער פֿון דעם אַנדערן. קויפֿען וועט מען געוויינטליך בייא דעם, ווער עס ליינט פֿאַר וועלוועלער, אָדער בעססערע סחורה, און וועמען מען איז מעהרער פֿערטרויט, ווער עס האָט אַ בעססערן נאָמען און ווער עס קען געבען מעהר אין באָרג, מיט איין וואָרט מען קויפֿט גיכער בייא דעם, ווער עס איז רייכער, און ווער עס פֿיהרט אַ גרעססערען עסק. און דאָס איז גרינג צו פֿאַרשטיין: אַ פֿאַבריקאַנט, וואָס איז רייכער, קען איינפֿיהרען בעססערע מאַשינעס, מיט וועלכע זיינע ארבייטער פּראָדוצירען מעהרער וויא מיט ערגערע מאַשינעס. עס אַליין קאָסט אַלץ וועלוועלער, ווייל ער קויפֿט אַלץ אַ פֿולע מיט אַ מאָהל, און דעריבער קען ער אויך פֿאַרקויפֿען וועלוועלער פֿאַר אַנדערע פֿאַבריקאַנטען. אַזאַ פֿאַבריקאַנט גייט אַלץ ווייטער און ווייטער. זיינע אַגענטען און אויך דיא צייטונגען שרייען וועגען איהם אין אַלע עקען וועלט, וואָס ווייטער ווערט ער אַלץ מעהרער באַוואוסט, און זיינע סחורה קען מען זעהן אין אַלע ווינקעלאַך.

מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַליסט איז די מעשה גאָר אַנדערס: ער מאַכט ניט אַזעלכע אָבאָראָטען[9] וויא דער גרויסער קאַפּיטאַליסט, דעריבער קען ער ניט איינפֿירען בייא זיך אַזעלכע מאַשינעס, וואָס קאָסטען זייער טייער. עס אַליין קאָסט דיא פּראָדוקציאָן טייערער, דעריבער מוז ער אויך פֿאַרקויפֿען טהייערער; נאָר דאַן וועט זייא קיינער אין האַנד ניט נעהמען, און וואָס ווייטער פֿאַלט ער אַלץ נידעריגער, און מוז אין גיכען באַנקראָטירען (אָנזעטצען).

אַזוי זעהען מיר, אַז אויפֿ'ן מאַרק קומט פֿאָר אַן—אייביגער שטרייט צווישען דיא פֿאַבריקאַנטען. דער וואָס איז שטאַרקער ד. ה. רייכער, דער נעמט איין, דער זיגט; און דיא קליינע, דיא שוואַכע פֿאַבריקאַנטען פֿאַלען וואָס נידעריגער און באַנקראָטירען.

און וואָס וועלען מיר שוין זאָגען וועגען בעל־מלאכות, וואָס ארבעטען מיט דיא הייליגע הענד, מיט פּראָסטע אינסטרומענטען, אָן קאַפּיטאַל, אָן מאַשינען; וועגען בעל מלאכה, וואָס אַרבייט ניט אויס אין אַ חודש אַזוי פיעל, וויא פֿיעל דער פֿאַבריקאַנט אין אַ שעה! ער ליגט טאַקע גאָר אין דרערד; זיינע סחורה וויל קיינער אין האַנד ניט נעהמען, און אויב מען קויפֿט זי שוין יע, מוז ער דאָך פֿאַרקויפֿען ניט טהייערער וויא דיא פֿאַבריקאַנטען, ד. ה. אָפּ קערען. ער ווערט טאַקע בדל־דל. אַז דאָס איז טאַקע אַזוי זעהען מיר גאַנץ אָפֿט: אַז אין מאָסקווע האָט זאַך בעוויזען דיא גרויסע וועבער־פֿאַבריקען, האָבען טויזענדער וועבער געוואָרפֿען זייער האַנדרעדל און זאַך געשטעלט טאָן אפֿ'ן פֿאַבריקע.

וויא מיר זעהען קענען קליינע פֿאַבריקאַנטען ניט אויסהאַלטען די קאָנקורענציע מיט דיא גרויסע און ליגען אָן מיט'ן קאָפּ, און בעל־מלאכות, וואָס האָבען געטהאָן פֿאַר זיך מוזען צוליעב די זעלבע אורזאַכע זיך פֿערדינגען אויפֿ'ן פֿאַבריק. דאָרטען, וואו עס איז געווען טויזענד קליינע בעלי־בתימלאַך, זיינען איצטער דאָ 10 אָדער נאָך וועניגער גרויסע קאַפּיטאַליסטען, ד. ה. טויזענד זיינען בדלות געוואָרען און אַנשטאָט זייא זיינען 10 רייך געוואָרן. דאָס פֿאַרמעגען פון טויזענד איז איבערגעגאַנגען צו 10, דאָס אייגענטהום, דאָס רייכטהום פֿון גאַנצען נאַראָד קלייבען זאַך אָן אַלץ אין וועניגער הענד; וואָס ווייטער ווערט אַלץ מעהרער מענשען גאָר אָן שום אייגענטהום, נאָר אין דער זעלבער צייט וואַקסט דיא עשירות פֿון איינציגע קאַפּיטאַליסטען. עס קען קומען אַזאַ צייט, אַז דיא עשירות, דיא רייכטהום פֿון דער גאַנצער וועלט זאָל זאַך צונויפֿקלייבען אין עטליכע שטאַרקע הענד, און אַללע איבעריגע וועלן זיין „פֿרייה" פֿון אייגענטהום, און אַלץ פֿירט דאַצו.

אין איצטיגע צייט זיינען דיא קאַפּיטאַליסטען דיא איינציגע בעלי בתים אין דער וועלט, זייא האָבען זיך דערשלאָגען דער צו, אַז זייא קענען פֿרייה פֿיהרען זייערע געשעפֿטען, און

---

9 קאַפּיטאַל־אומזאַץ.

קלערען מעהר ניט, וויא נאָך רייכער צו ווערען. דעם אַרבייטער דריקט מען וויא פיעל מען קען; און דיא קליינע פֿאַבריקאַנטלאַך, בעל מלאכות וואָס זאָרגען נאָך, וואָס צאַפּלען זאַך און ווילען נאָך בלייבען פֿאַר זיך בעלי בתים שטעלען זייא בדלות דורך קאָנקורענץ.

אין דאָס איז ניט נור אין אינדוסטריא אין שטאָדט, נאָר אויך אויפ'ן לאַנד, אין דיא דערפֿער, אין לאַנד-ווירטשאַפֿט. אין אַ גרויסען מאַיאָנטעק, וואָס געהערט צו אַ גרויסען קאַפּיטאַליסט, ווערט דיא ערד בעאַרבייט בעססער און וועלוועלער, און דער פויער קען בשום אופן ניט קאָנקורירען מיט'ן גרויסען קאַפּיטאַליסט. וואָס ווייטער ווערט דער פויער אַלץ אָרימער, קריכט אַריין אין חובות, און סוף-כל-סוף מוז ער פֿאַרקויפֿען זיין שטיקעל ערד פֿאַר גאָרניסט. אין אַף דערוף איז שוין דאָ אַ גאַנצע באַנדע מנדבים, גוט-הערציגע, וואָס קויפֿען צונויף דאָס לאַנד ביסלאַך ווייז, און קלייבען זיי אָן בייא זיך אין דיא הענד. אין דיא דערפֿער גלייך וויא אין דיא שטעדט גייען שאהן אַרום מיינגעס פויערים אָן ערד, ד. ה. דאָרטען איז אויך דאָ אַ פּראָלעטאַריאַט.

דאָס זעלבע קומט פֿאָר אין האַנדעל. דיא קליינע קרעמערלאַך קענען ניט אויסהאַלטען דיא קאָנקורענץ מיט דיא גרויסע, און ליינען אָן מיט'ן קאָפּ.

וויא מיר זעהען, וואָס ווייטער ווערט דער נאַראָד אַלץ מעהרער צוטהיילט אַף צווייא קלאַססען: פֿון איינער זייט שטייט אַ קליינע קופּקעלע קאַפּיטאַליסטען, נאָר מיט טיפֿע און פֿולע קעשענעס, און פֿון דער אַנדער זייט דער גאַנצער איבעריגער נאַראָד, וואָס האָט קיין גראָשען ניט ביין לייב און זעעל, גאָר אָן אייגענטהום, און מוז דעריבער האָרעווען אַף דיא קאַפּיטאַליסטען. דער צוטהיילונג פֿון דער געזעלשאַפֿט אויף קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער איז דער גאַנצער עקר פֿון קאַפּיטאַליסטישען אָרדנונג אין קאַפּיטאַליסטישען ענטוויקלונג.

## IV

דער אַרבייטער וואָס האָט ניט קיין אייגענטהום איז אין גאַנצען אָבהיינגיג פֿון קאַפּיטאַליסט. אמת, ער איז אַ פֿרייהער מענש, ער קען דאָך טהאָן, וואָס ער וויל. נאָר צו וואָס נוצט איהם זיין פֿרייהייט, אַז ער האָט ניט וואָס צו עססען? ער מוז זיך פֿאַרדינגען, ער מוז פֿאַרקויפֿען זיין איינציגע אייגענטהום וואָס געהערט צו איהם, ד. ה. זיין אַרבייטס-קראַפֿט. און וויא באַלד ער מוז זאַך פֿאַרדינגען, מוז ער אויך צופֿרידען זיין מיט דעם, וואָס מיא גיט איהם. דער קאַפּיטאַליסט איז דאָך מעהר ניט פֿאַראינטערעסירט אין זיין פּריפֿיט, ער—זע איז דאָך אין היינטיגע צייט דער גאַנצער בעל הבית, און ער טוט וואָס ער וויל, ווייל גאָר דיא עשירות איז דאָך פֿאָרט בייא איהם אין דיא הענד. אַז ער וויל גיט ער דעם אַרבייטער פֿון וואַנען צו לעבען, און אַז ניט לאָזט ער זייא שטאַרבען פֿון הונגער. נאָר דאָך אַוועקמאַכען דעם אַרבייטער אונטערן האַנד קען ער אויך ניט; וואָרום פֿון וואַנען וועט ער פֿאַרדינען אַז ניט פֿון איהם? ער מוז האָבען אַ לעבעדיגען אַרבייטער, דעריבער גיט ער איהם טאַקע מעהר ניט אַזוי פֿיעל, אַז ער זאָל ניט שטאַרבען פֿון הונגער, ער זאָל קענען דערהאַלטען דיא נשמה אין גוף, כדי ער זאָל קענען האָרעווען.

אַז דער פֿאַבריקאַנט גיט דעם אַרבייטער אַ שטיקעל ברויט, טהוט ער דאָס מעהר ניט צוליעב זיך; דיא זעלבע זאַך, וויא ער שמירט די ראָד זיא זאָל גיין. אין דעם אָרט מוז דער פֿאַבריקאַנט אויך פֿאַרזאָרגען ער זאָל קענען שפּייזען זיין געזינד, וואָרום וויא ניט, פֿון וואַנען וועט ער נעהמען אַרבייטער, אַז דיא איצטיגע וועלען אויסשטאַרבען? דאָס אַרבייטס-לאהן, וויא מיר זעהען, מוז זיין גענוג צו דערהאַלטען דעם לעבען פֿון אַרבייטער און זיין געזינד. אין דעם איז פֿאַראינטערעסירט דער פֿאַבריקאַנט גלייך וויא דער אַרבייטער, דעריבער, וויא עס ווערט וועלוועלער דער לעבענס-מיטעל פֿון אַרבייטער דהיינו ברויט, קליידער, אַ דירה א. ד. ג. פֿאַלט אויך אין אַזאַ ערך דאָס אַרבעטס-לאהן, אין פֿאַרקערט, אַז דער לעבענס-מיטעל ווערט טהייערער, הענכערט זאַך דעם אַרבייטערס שכירות.

מיט דעם וואָס איז איינגעפיהרט געוואָרען אומעטום מאַשינען, איז גיהויינטלאַך געוואָרען אַ פּוֹלע זאַכען וועלוועלער. פון דעם האָבען דיא קאַפּיטאַליסטען געוואַנען אין צווייען; פון איינער זייט האָבען זייא גענומען מעהרער לייזען, פון דער אַנדער זייט צאָהלען זייא דעם אַרבייטער וועניגער, ווייל דאָס לעבענס־מיטעל איז וועלוועלער געוואָרען.—דער אַרבייטער־זע האָט דערפון גאָר ניט געוואונען. דער לעבענס־מיטעל איז טאַקע וועלוועלער, אָבער דערפאַר איז זיין אַרבייטס־לאהן אין דעם ערך געפאַלען. אַז אין איינגלאנד האָט מען אוניצטאָזעט[10] דיא זאַקאָנען וועגען ברויט, און מען האָט דאָס ברויט גענומען אריינפיהרען אַ היין פּריוה, איז גלייך אין אַ קורצע צייט נאָך דעם וויא דער מקח פון ברויט איז געפאַלען, איז אויך געפאַלען דאָס אַרבעטסלאהן. פון דאַנען איז געדרונגען, אַז ביי אַ איצטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, קען דאָס אַרבייטס־לאהן קיין מאָהל זיך ניט אויפהייבען איבער דעם וויא פיעל דער אַרבייטער דאַרף האָבען פאַר זיך און זיין געזינד, ניט צו שטאַרבען פון הונגער.

דאָס אַרבייטס־לאהן שטייט איצטער אַזוי ניעדעריג, אַז דער אַרבייטער קען בשום אופן ניט אָבלייגען קיין גראָשען אף דיא שלעכטע צייט בשעת עס איז ניטאָ קיין אַרבייט, אָדער אף דיא צייט פון אַ קריינק, און ער איז קיין מאָל ניט זיכער, אַז ער זאָל אין אַזא צייט ניט שטאַרבען פון הונגער.

אין דער גאַנצער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג איז איינגעשטעלט אַזוי, אַז דאָס אַרבייטס־לאהן זאָל ניט זיין העכער וויא זיא שטייט יעטצט.

ערסטענס, האָבען דיא מאַשינען ניט פאַרגרינגערט דעם אַרבייטערס לעבען נאָר פאַרקערט— עס שווערער געמאַכט איהם. אַ מאַשין קויפען קען מעהר ניט וויא דער קאַפּיטאַליסט, וואָס האָט דעם גראָשען, און אין איצטיגער צייט קען מען גאָר אָן אַ מאַשין ניט אויסקומען, דעם קאַפּיטאַליסט ברייננט זיא אַ פּוֹלע רווח, נאָר דער אַרבעטער בלייבט אָן אַרבייט, און דיא איבעריגע מוזען זיך בענוגענען מיט אַ קלענערע לאהן, ווייל דער מאַשין דאַרף ניט האָבען אַזוי פיעל אַרבייטער וויא פריהער, דעריבער ווערט דער קאָנקורענץ צווישען דיא אַרבייטער גרעססער, און דיא אַרבייטס־לאהן פאַלט. אַ חוץ דעם דאַרף מען ביין מאַשין ניט האָבען קיין אַרבייטער, וואָס ווייסען גוט דיא אַרבייט; ביין מאַשין קענען אַרבייטען פּראָסטע אַרבייטער, פרויען און קינדער, וואָס קענען גאָר דיא אַרבייט ניט, און אַ זעלכע קען מען וועניגער צאָהלען. וויא מיר זעהען ברייננט דער מאַשין מיט אַז אַסך אַרבייטער בלייבען אָן אַרבייט און דעריבער איז זייער נידעריג דאָס אַרבייטס לאהן. דיא אורזאַכע דערפון ליגט ניט אין מאַשין, נאָר אין איצטיגען געזעלשאַפטליכען אָרדנונג.

דער קאַפּיטאַליסט וויל האָבען וואָס מעהר רווח, דעריבער פיהרט ער איין אַלץ נייע און נייע מאַשינען, מאַכט לייגנער דעם אַרבייטס־טאָג, שטעלט אַנ־שטאָט מענער אין פאַבריק פרויען און קינדער, און דאָס איז צוליעב דעם צו פּראָדוצירען וועלוועלער אַפּוֹלע סחורה. נאָר גאָר דיא מיינגע סחורה קען ניט פאַרקויפט ווערען; דורך דעם קומט פאָר אַקריזיס; דיא פאַבריקען שטעלען זיך אָב, און דיא אַרבייטער בלייבען אָן אַרבייט. נאָר צו דיא אַרמייא אַרבייטער, וואָס זיינען געבליבען אָן אַרבייט צוליעב דעם פאָרגעקומענעם קריזיס, שטייט נאָך צו אַ גאַנצע מיינגע קליינע קרעמערלאַך, בעל מלאכות, וואָס האָבען ביז איצטער געטהאָן פאַר זיך, נאָר וואָס זיינען בדלות געוואָרען, ווייל זייא האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען דיא קאָנקורענץ מיט דיא גרויסע קאַפּיטאַליסטען. איצטער מוזען זייא זוכן אַרבייט גלייך מיט דיא איבעריגע אַרבעטער ביין גרויסען קאַפּיטאַליסט. וואָס לייגנער איז דער אַרבעטס־טאָג, דאָס טהוט אַלץ מעהר אוף יעדער אַרבייטער, דאָס וועניגער אַרבייטער דאַרף דער פאַבריקאַנט, דאָס גרעסער ווערט זיין דיא קאָנקורענץ צווישען דיא אַרבייטער, דאָס נידעריגער שטייט דיא אַרבייטס־לאהן: דיא אַרבייטס־לאהן פאַלט נאָך נידעריגער, ווייל אַ־שטאָט מענער אַרבייטען פרויען און קינדער.

---

[10] אָפּגעשאַפט.

פֿון דאַנעו זעהען מיר אַז דיא נידעריגע אַרבייטס-לאהן שטייט אין שטײַפֿסטען אָנהיינג מיט איצטיגען קאַפּיטאַליסטישען אָרדנונג, און קומט פֿון איהם אַרויס.

איצטיגער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג דינט נור דעם גרויסען קאַפּיטאַליסט. עס איז אַלץ אײַנגעשטעלט, אַז דער רײַכער זאָל אַלץ רײַכער ווערען. צוליעב דעם ווערען בדלות קליינע בעלי-בתּימלאַך, בעלי-מלאכות, און אויך ערד-אַרבעטער; צוליעב דעם ווערען אײַנגעפֿיהרט מאַשינען, וועלכע מאַכען וואָלוועל דעם אַרבייטער, און דיא אַרבעטס-לאהן שטייט נידעריג, און דער לאַנגער אַרבייטס-טאָג מאַכט דעם אַרבייטערס לעבען פֿינסטער און ביטער.

פֿון איינער זײַט, וויא מיר זעהען ווערען דיא רײַכע אַלץ רײַכער, פֿון דער אַנדערער זײַט, ווערט אַלץ גרעסער דיא צאָהל פֿון פּראָלעטאַריאַט, און דורך דעם וואַקסט דער דלות פֿון יעדערען בעזונדער פֿון זייא.

V

בור כרה ויחפרהו ויפול בשחת יפעל — האָט געזאָגט דוד המלך, ד. ה. דער רשע האַט געגראָבען אַ גרוב פֿאַרן צווייטען, און ער איז אַליין אין איהר אַרײַנגעפֿאַלען. דיא זעלבע זאַך קען מען זאָגען וועגען איצטיגען קאַפּיטאַליסטישען געזעלשאַפֿטליכען אָרדנונג; דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג גראָבט פֿאַר זיך אַליין אַ קבר, וועלכער וועט איהם אײַנשלינגען.

דיא איצטיגע געזעלשאַפֿטליכע ענטוויקלונג ברייננגט מיט אַ חוץ דעם וואָס גאָר דיא עשירות קלײַבט זיך צונויף אין ווייניג הענד, אַ חוץ דעם, וואָס האַנד-אַרבייט גייט אונטער, און אויף איהר אָרט ווערט דיא גרויסע אינדוסטריאַ — אַ חוץ דעם קומט דערפֿון אַרויס נאָך אַנדערע זאַכען. דיא פּראָדוקציאָן ליגט איצטער אין קאַפּיטאַליסטישע הענד, אַלץ ווערט געמאַכט אין גרויסע פֿאַבריקען, וועלכע געהערען צו גרויסע קאַפּיטאַליסטען, אָדער נאָך אָפֿטער צו אַקציאָנערע געזעלשאַפֿטען. אויף אַזעלכע פֿאַבריקען מאַכט ניט יעדער אַרבייטער דיא גאַנצע שטיק אַרבייט, וויא בעל-מלאכות; ניין, ער מאַכט מעהר ניט וויא אַ טהייל פֿון דער זאַך. יעדער שטיקעל אַרבייט, איידער זיא ווערט פֿאַרטיג גייט דורך אָפֿט דורך הונדערט הענד. נאָר דורך דעם, וואָס אַפֿולע אַרבייטער טהוען צוזאַמען אין איין אָרט, הויבען זייא אייך אָן צו פֿאַרשטיין וויא שטאַרק זײַנען צונויף געבונדען זייערע אַלעמענס אינטערעססין. זייא הויבען אָן בעססער צו פֿאַרשטיין דיא אורזאַכען, איבער וועלכע זייא לײַדען, זייא זעהען ווער איז זייער אמתער שונא, און האָבען אויך מעהר מעגליכקייט אַללע צוזאַמען צו פֿאַרהיטען זייערע אינטערעססין, ווײַל זייא זײַנען ניט פֿאַרנאַנדער געוואָרפֿען איינציגווײַס וויא פֿריהער. זייא זעהען, אַז זייא זײַנען גאָר אַ באַזונדערער קלאַסס מענשען און זייערע אינטערעססין זײַנען דער היפּוך פֿון דיא קאַפּיטאַליסטישע.

וואָס שווערער איז דער יאָך וואָס ליגט אויף דיא אַרבייטער, פֿאַרבינדען זייא זאַך אַלץ שטײַפֿער געגען דיא קאַפּיטאַליסטען, און דיא אחדות מאַכט זייא שטאַרק און פֿייהיג צו דערריי-כען און ערוואַרבען פֿיר זיך פֿרײַהייט. און איצטער, ווא עס איז נאָר דאָ גרויסע פֿאַבריקען, ווא דער קאַפּיטאַליזם איז ענטוויקעלט, זײַנען דיא אַרבייטער פֿעראייניגט און פֿיהרען אַ קאַמף, אַ מלחמה געגען דיא קאַפּיטאַליסטען, און ערוואַרבען פֿאַר זיך אַלץ מעהרער רעכט. דער קאַמף איז אַ לערנע-שול פֿאַר דיא אַרבייטער: זייא ווערען דורך איהר שטאַרקער און געפֿינען מעהר מיטלען וויא אַרויסצוקריכען פֿון דיא איצטיגע לאַגע, און זייא פֿאַרגרייטען זיך אינגאַנצען צו אוניצטאָזען איצטיגען געזעלשאַפֿטליכען אָרדנונג. פֿון דאַנען זעהען מיר, אַז דער קאַפּיטאַליזם ענטוויקעלט זיך אין צווייערליי אַרטען, אין וועלכע איינע ברייננגט מיט דיא צווייטע: פֿון איינער זײַט שטעלט ער בדלות קליינע בעלי-בתּימלאַך, און קלייבט בײַא זיך אין דיא הענד צונויף אַלץ וואָס ער נעהמט בײַא זייא צו; נאָר אין דער זעלבער צײַט קלייבט ער אויך צונויף אין איין אָרט מאַססען אַרבייטער, וואָס זײַנען געווען פֿריהער פֿאַרנאַנדערגעוואָרפֿען איבער דער גאַנצער לאַנד, בינד זייא צונויף צוזאַמען, פֿיהרט זייא אַריין אין אַ שטרייט מיט דיא קאַפּיטאַליסטען, און דורך דעם מאַכט ער זייא אַלץ שטאַרקער און פֿאַרשטענדיגער, ער מאַכט דעם קלאַסס אַרבייטער אונפֿייהיג צופֿרידען צו זײַן מיט זײַן לאַגע.

דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג גראָבט פאר זיך אליין אקבר. דעם קאפּיטאליסט עשירות קען ניט וואַקסען אָן דעם, אז מען זאָל ניט ראַבעווען דעם ארבייטער, אָן דעם, אז די קליינע געשעפטס־לייט, בעלי־מלאכות זאָלען א פריהער ניט בדלות ווערן, דאָס קען אויך ניט זיין אָן גרויס־אינדוסטריא. דער דלות טרייבט זייא אלעמען אין דעם קלאַסס ארבייטער, דיא אונגלייכהייט ווערט אין געזעלשאַפט אלץ גרעססער און גרעססער, אין דיא זעלבע צייט וואַקסט אויך דיא אומצופרידענהייט פון ארבייטער קלאַסס, וועלכער איז שוין פאראייניגט דורך דיא גרויסע אינדוסטריא; און דער קאַמף צווישען ארבייטער און קאפּיטאליסטען ווערט אלץ שטייפער און פעסטיגער. אזא אָרדנונג קען לאַנג ניט עקזיסטירען, ער מוז פארביטען ווערען מיט אַן־אַנדערען, עס מוז געשעהען אַן־ארבייטער רעוואָליוציאָן. עס קען ניט אָבגעהאַלטען ווערען מיט זאַקאָנעס, וועלכע דיא רעגירונג גיט אַרויס געגען דיא ארבייטער, און אויך ניט מיט סאָלדאַטען, וועלכע מען שיקט געגען זייא. דער פּראָלעטאַריאַט ווערט אלץ גרעססער און שטאַרקער, און עס מוז קימען אַזאַ צייט, אז ער וועט זאַך שטעלען אין גאַנצען וויא איין מענש אום צו בעפרייען זיך פון דיא קאפּיטאליסטען און אויך פון דיא קאַפּיטאליסטישע רעגירונג, וועלכע שמאָקצענען צו זאַממען זיין בלוט.



VI

צונעהמען בייא דיא קאפּיטאליסטען יערע אייגענטהום, צונעהמען בייא זייא דיא גרויסע עשירות, וועלכע עס האָבען בעשאַפען דיא ארבעטער מיט זייערע אייגענע הענד — אָט דאָס איז דער ציעל פון דיא ארבייטער רעוואָליוציאָן. דאָס איז ניט נאָר צוליב דעם, ווייל דאָס איז נייטיג פאר דיא ארבייטער, נאָר ווייל דאָס מוז געשעהען, וויא מיר האָבען דאָס געזעהען פון דיא ענטוויקלונג פון איצטיגען געזעלשאַפטליכען אָרדנונג. אין איצטיגער צייט זיינען דיא קאפּיטאליסטען נאָר שעדליך פאר דעם פּראָגרעס, פאר דעם גליק פון מענשהייט, דעריבער קענען זייא מעהר ניט געליטען ווערען. אז זייא וועלען ניט זיין וועט דערפון קיינער ניט לייַדען. וואָרום, טאַקע, צו וואָס נוטצען איצטיגע קאפּיטאליסטען אין דער אינדוסטריע?

געדונגענע ארבייטער טהוען אויף דיא סחורה, געדונגענע דירעקטאָרען, טעכניקער, אינזשענערען קוקען נאָך און אַדמיניסטרירען מיטן עסק—אלץ ווערט אָפּגעטאָן מיט געדונגענע מענשען; וואָס־זשע האָט דאָ צו טהאָן דער קאפּיטאליסט? צו ער וועט לעבען, צו שטאַרבען, צו ער זאָל זיין א חכם, אָדער א תם, דער געשעפט וועט דערפון ניט אָנווערען און ניט געווינען. א קאפּיטאליסטישער עסק קען איבערגיין פון איינע הענד אין דיא אַנדערע, און דאָך ווערט קיין זאַך ניט אומגעביטען.

אמת, דער קאפּיטאליסט האָט אויך א האַנד אין געשעפט—זיין ארבעט איז צו צונעהמען גאָר דעם רוח, וואָס דער געשעפט ברענגט, און א חוק דעם סטאַרעווען ער זאַך, אז דער רוח זאָל זיין וואָס גרעססער.

נאָר אין פּראָדוקציאָן פון דאָס סחורה ברענגט דאָס קיינע נוטצען, פאַרקערט, דאָס ברענגט נור שאָדען דיא גאַנצע וועלט; דער נאָך יאָגען נאָכן רוח, נאָכן פּראָפיט ברענגט מיט דעם ארבייטער דלות, דאָס ברענגט מיט א זעלכע ערשיינונגען, וויא קריזיסען, ד. ה. אין דער צייט ווען אין דיא סקלאַדען ליגען און פוילען מאַססען סחורה, ווען דיא פּאָליצעס ברעכען זאַך פון דיא זאַפּאַסען, אין דער זעלבער צייט שטאַרבען צעהנדליגע, און הונדערטע טויזענדער ארבייטער פון הונגער, און זיינען ניט אימשטאַנדע צו פאָלזעווען זיך[11] מיט דיא עשירות, וועלכע זייא האָבען באַשאַפען מיט זייערע אייגענע הענד.

אזא ראָלע וויא דער קאפּיטאליסט שפּילט אין פּראָדוקציאָן איז נור נוצליך פאר איהם אליין און ניט פאר קיינעם. ער ווערט רייך און שטאַרק, אָבער דיא גאַנצע מענשהייט אין כלל, דער ענטוויקלונג לייַדעט דערפון, ווייל דיא גרעססערע טייל געזעלשאַפט איז דורך דעם פארשמידט אין דיא קייטען פון דלות און קנעכטשאַפט.

[11] בענוצען זיך.

**דעריבער אום צו בעפֿרייט ווערען דאַרף דער אַרבעטערקלאַסס צונעהמען בײַא דיא קאַפּיטאַליסטען אַלע פֿאַבריקען, זאַוואָדען, דאָס ערד און קאַפּיטאַלען און מאַכען דיא קאַפּיטאַליסטען אומשעדליך, ד. ה. צונעהמען בײַא זייא דיא הערשאַפֿט.** און אין דעם שטעקט ניט קיין אומרעכט, דאָס איז ניט רויבעריי, דיא אַרבייטער וועלען נעהמען דאָס, וואָס געהערט צו זייא, וואָס זייא האָבען אַליין אויפֿגעטהאָן.

וואָרום וואָס איז דאָס דעם קאַפּיטאַליסטס אייגענטהום? גאָר דיא עשירות, וואָס געהערט צו זייא האָבען אויפֿגעטהאָן דיא אַרבייטער; זייערע פֿאַבריקען האָבען געבויט דיא אַרבייטער; דאָס סחורה מיט וועלכע זייא האַנדלען האָבען בעשאַפֿען דיא אַרבייטער; דיא שיפֿען, דיא אײַזענבאַנען, דיא פּאַראַחאָדען,[12] אויף וועלכע עס ווערט פֿאַרנאַנדער געפֿיהרט די סחורות, האָבען דאָך אויך געסטראָיעט[13] דיא אַרבייטער; מיט איין וואָרט אַלץ וואָס געהערט איצטער צו דיא קאַפּיטאַליסטען, אַלץ האָבען דאָס בעשאַפֿען דיא אַרבייטער מיט זייער בלוט און שווייס, און דעריבער דאַרף דאָס ממילא געהערען צו דיא אַרבייטער. גאָר דיא רײַכטהונג טוהט אויף דורך אויס דער אַרבייטער קלאַסס. נאָר דער איצטיגער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג מאַכט אַז דאָס אַללעס געהערט ניט צו די אמתע בעלי־בתים, נאָר צו דיא קאַפּיטאַליסטען.

אַז דיא אַרבייטער וועלען צונעהמען בײַא דיא קאַפּיטאַליסטען אַלץ, וואָס זייא האָבען, דהײַנו דאָס ערד, דיא פֿאַבריקען און זאַוואָדען, וועלען זייא מעהר ניט צונעהמען דאָס, וואָס געהערט צו זייא; אין דעם שטעקט ניט קיין אונרעכט.

אָט איצטער אַז דיא קאַפּיטאַליסטען שטעלען בדלות דאָס גאַנצע פֿאָלק, אָט דאָס איז טאַקע גנבה און גזלה. דאָס וואָס דער גאַנצער קלאַסס אַרבייטער וועט צונעהמען בײַא דיא קאַפּיטאַליסטען, אָדער ווייא מען זאָגט עקספּראָפּריאַציע האָט גאָר אַן אַנדער טעם: דאָס וועלען שוין ניט איינציגע צונעהמען בײַא דאָס גאַנצע פֿאָלק, וואָס געהערט צו איהם, נאָר פֿאַרקערט, דאָס גאַנצע פֿאָלק וועט צונעהמען בײַא דיא איינציגע דאָס,—וואָס זייא האָבען אַריינגעכאַפּט.

**ווייא מיר זעהען מוז דיא אַרבייטער רעוואָליוציאָן געשעהען, ווייל דערצו ברייננט דיא גאַנצע ענטוויקלונג פֿון איצטיגער קאַפּיטאַליסטי־שער פּראָדוקציאָן; און דורך דעם וועט דאָס אייגענטהום, וואָס געהערט צו דיא קאַפּיטאַליסטען געהערען צום כּלל אַרבייטער.**

## VII

דיא ערד, דיא פֿאַבריקען און זאַוואָדען מוז איבערגייין צו די אַרבייטער אין דיא הענד **אַלס אַלגעמיינע אייגענטהום.** אין איצטיגע צײַט, ווײַל יעדער אַרבייט איז צוטהיילט אויף בעזונדערע מלאכות, גייט דורך יעדער שטיקעל אַרבייט ניט דורך איין האַנד, נאָר דורך אַ פֿולע. קיין אַרבייטער, צום בײַשפּיל, אויף איין לײַוועטנד־פֿאַבריק וואָלט ניט קענען ווײַזען, וועלכע שטיקעל סחורה איז אויפֿגעטאָן מיט זײַנע אייגענע הענד, ווײַל אויף דערויף האָבען געהאָרעוועט אַ חוץ איהם, נאָך אַ גאַנצע מיינגע אַרבייטער; מען האָט געדאַרפֿט פֿריהער זייען דיא פֿלאַקס, דיא פֿאַרטיגע פֿלאַקס דאַרף מען שפּינען, און דערנאָך קען מען ערסט מאַכען לייווענד. אָט דיא אַללע אַרבייט (און דאָ האָבען מיר נאָך ניט אויסגערעכענט אַללע אַרבייט, וואָס מען דאַרף טהאָן איידער מען מאַכט לײַווענד) האָבען געטהאָן גאָר אַנדערע אַרבייטער אין אַנדערע ערטער און אויך ניט אין איין צײַט. נאָר אַ חוץ דיא אַרבייט, וואָס געהערט צו לײַווענד אַליין, איז דאָ נאָך פֿאַרשיידענע אַ־בייט, אָן וועלכע מען קען אויך ניט אויסקומען בײַן וועבען. אין יעדער שטיקעל לײַוועטנד ליגט אויך דיא פּראַצע פֿון דיא אַרבייטער, וואָס מאַכען דיא מאַשינען, וואָס קוקען אויף נאָך זייא, וואָס גראָבען קויילען און ד. גל.

---

12 דאַמפֿער.

13 געבויט.

ווי מיר זעהען ווערט אַלעס אויפגעטהאָן דורך אַלגעמיינע ארבייט פון א גאנצע מיינגע ארבייטער, און אין כלל דיא מאשינען, דיא גרויסע אינדוסטריע, און דיא פאַראנאנדער טהיילונג פון דיא ארבייט האָבען מיטגעבראַכט, אז דיא גאנצע עשירות פון דיא קאפיטאליסטען ווערען בעשאַפען דורך דאָס אַלגעמיינע ארבייט פון גאנצען קלאַסס ארבייטער, דעריבער מוז דאָס אויך ווערען אַלס אַלגעמיינע אייגענטהום פון אַלע ארבייטער.

אין אונזער צייט קען דיא גרויסע פראָדוקציאָן ניט אויסקומען אָן פאַבריקען און אָן מאשינען, דעריבער מוזען דיא ארבייטער דאָס צונעהמען ווי א אַלגעמיינע אייגענטהום. איצט, ווי עס ווערט ווייטער ערקלערט ווערען, איז אונמעגליך און שעדליך פאַר דער וועלט בטל צו מאכען דיא גרויסע פראָדוקציאָן, און אַנשטאָט איהר איינצופיהרען — קליינע (בעל־מלאכותע) מאַסטערסקאיען; אַנשטאָט מאשינען־ארבייט איינפיהרען האנד־ארבייט.

דיא קליינע מאַסטערסקאיען וואָלטען ניט קענען אויף טאָן אַזוי פיעל זאַכען אום צופרידען צו שטעלען אַלע בעדערפעניס וואָס דער איצטיגער מענש האָט. דער בעסטער בעל מלאכה קען ניט אויף טהאָן מיט׳ן האַנד אַזוי פיעל ווי פיעל דער פראָסטער ארבייטער מיט׳ן מאשין. אָן מאשינען וואָלט אויף דער גאַנצער וועלט ניט שטאַייען קיין הענד אויף אויס צו מאכען אַלץ וואָס דיא איצטיגע מענשהייט ברויכט. אז עס זאָל בטול ווערען דיא גרויסע אינדוסטריע, דאַרף פערוואַלען [פאַרפאַלן] ווערען דיא איצטיגע ציווילזאַציאָן, און דיא וועלט וואָלט ניט קענען ווייטער ענטוויקלען זיך און פּראָגרעססירען. אויסער דעם ביי דיא קליינע אינדוסטריע וואָלט מען דאַרפין ארבייטען שווערער און מעהרער ווי ביי דיא גרויסע אינדוסטריע אַנדערע אָרדענונגען וואָלט מען געדאַרפט ארבייטען ניט מעהר ווי 3—4 שעה אין מעת לעת, און דיא ארבייט וואָלט געווען גרינגער. דערצו איז נור נויטיג אז דיא ארבייטער זאָלען אוועק נעהמען ביי דיא קאפיטאליסטען זייער אייגענטהום, און מאכען איהר פאַר א אַלגעמיינע אייגענטהום, וואָס זאָל געהערען צו אַלע ארבייטער.

פון דער פון איז ניט געדרונגען אז הכלל אַלץ דאַרף צוגענומען ווערען ביי דיא אייגענטהימער, און ווערען אַלגעמיינע אייגענטהום. אַלגעמיינע וועט ווערין מעהר ניט דאָס, וואָס איז נייטיג אויף צו אויסארבייטען סחורה, ד. ה. פאַבריקען, זאַוואָדען, דיא בערג, וואו עס געפינט זיך קוילען, אייזען און ז. וו. שאַכטען,[14] מאשינען, אייזענבאַן, ערד און אַלע ניט בעאַר־בעטע מאַטעריאַלען; הכלל אַלגעמיינע, עולם׳ס ווערין ווערען נור דיא זאַכין, דיא מאַטעריאַלען, וואָס ווערען בעארבייט אין דיא פאַבריקען, אייך דיא כלים, דיא געציג, מיט וועלכע מען ארבייט; אָבער דאָס, וואָס נוצט זיך ניט אין פראָדוקציאָן וועט בלייבען ביי דיא אייגענטהימער.

דאַן וועט ניט זיין ביי קיינעם קיין אייגענטהום וואָס עס איז אוועק גענוהמען געוואָרען ביי דעם, וואָס האָט אויף איהם געהאָרעוועט: יעדער אייגענטהום וועט זיין א פראָדוקט פון אייגענע פראַצע. יעדער וועט עסין זיין ברויט, וואָס ער האָט פאַרדינט מיט שווייס.

ווי באַלד אז אַלץ וואָס עס ברויכט זיך אין פראָדוקציאָן וועט זיין אַלעמעס, אַלגעמיינע, וועט ניט מעגליך זיין צו עקספּלואַטירען דעם פרעמדענס פראַצע. פון דאָס אַלץ קענען מיר אויספיהרען אז דיא ארבייטער מוזען צונעהמען אַלע רייכטהונגען ביי דיא קאפיטאַליסטען אום צו מאכען זייא, דיא רייכטהונגען, פאַר א אַלגעמיי־נע אייגענטהום, אייגענטהום פאַר דעם גאנצען קלאַסס ארבייטער.

אָט דאָס איז דער ציל פון דיא קינפטיגע ארבייטער־רעוואָליוציאָן.

מיט דער מיט וועט דער ארבייטער־קלאַסס געפינען פאַר דער מענשהייט א נייע וועלט, א וועלט, וואָס אַלע וועלען קענען לעבען גליקליך, און וואו דער יושר וועט הערשען איבער אַלץ. עס וועט זיך אָנהייבען א נייע צייט אין דער היסטאָריע פון מענשען; א צייט, ווען יעדער וועט זיך קענען אָבלעבין זיין וועלט אין פערגעניגען.

---

14 גרובן.

# VIII

אין איצטיגע צײַט דיא אָרימקייט פֿון המון־עם און דיא עקספּלואַטאַציע פון דעם ארב־טערס הערעוואַניע קומט ניט ארויס דער פֿון, וואָס דיא מיטלען פֿון פּראָדוקציאָן (פֿאַבריקען, זאַוואָדען, ערד א. ז. וו.) געהערען מעהר נישט צו איינינגע מענשען, צו קאַפּיטאַליסטען. דיא אָרימקייט און די עקספּלואַטאַציע וועלין אוניצטאָזעט ווערען דאַן, ווען עס וועט אוניצטאָזעט ווערען דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, עס הייסט ווען דיא ארבייטער־רעוואָליוציאָן וועט צונעהמען בײַא דיא קאַפּיטאַליסטען די מיטלען פֿון פּראָדוקציאָן, אלס אַלגעמיינע אייגענטהום; דאַן וועט ניט מיגליך זײַן אַז איינער זאָל עקספּלואַטירען דעם צווייטען. יעדער אַרבייטער וועט האָבען דאָס, וואָס ער האָט נייטיג, ניט וויא איצט, וואָס ער מוז פֿאַר חושדט ווערין, און לעבין אין דלות און הונגער און קעלט.

ווען עס וועט אוניצטאָזעט ווערען דיא עקספּלואַטאַציע און אָרימקייט, וועט פֿאַר פֿאַלען ווערען אויך דאָס, וואָס עס קומט אַרויס פֿון דיא אָרימ־קייט, ד. ה. קראַנקהייטען, פֿערברעכונגען, האַנדלונג מיט דעם אייגענעם גוף א. ז. וו.

איצט איז דאָ פֿיעל קראַנקייטען, וואָס קומען מעהר ניט אַרויס דער פֿון, וואָס דער מענש דער עסט ניט אָפּט, וואָס ער וווינט אין אַ נאַסען, איינגען און אַ—אונגעזונטען וואהנונג, וואָס ער האָרעוועט איבער זײַן כּח אין פֿאַבריק, זאַוואָד א. ז. וו. עס הייסט דער פֿון וואָס דער עקספּלואַטירטער מענש מוז לעבען אין דחקות און אין דלות.

דיא זעלביגע פּריצינע[15] דיא אָרימקייט ברייגנגט דערצו, אַז פֿיעל מענשען ווערען פֿער־ברעכער, גזלנים, דערצו, אַז מוטטערס וואַרפֿען אונטער און טויטען אמאָהל זייערע קינדער, דערצו, אַז פֿיעל ווערען פֿון צרות שיכּורים, און פֿיעל יונגע פֿרויען הייבען אָן צו האַנדלען מיט זייער גוף.

דאָס אַלץ ברייגנגט דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, דערום ווען דיא אַרבייטער וועלין אוניצטאָזען דעם אָרדנונג, וועלען זייא אוניצטאָזען אויך דיא עקספּלואַטאַציע, און דאָס אָרימקייט, און אויך אַלץ דאָס, צו וואָס אָרימקייט ברייגנגט.—אָרימקייט און פֿרײַהייט זײַנען ניט קיין פּאָר. איז דען פֿרײַא דער מענש, וואָס דער הונגער נייט איהם זיך צו פֿאַרקויפֿען דעם רײַכען? דער איצטיגער אַרבייטער איז פֿרײַא... צו שטאַרבען פֿון הונגער.

דער אַרבייטער ווערט געדריקט דורך דעם פֿאַבריקאַנט. דער פויער טראָגט דעם יאָך פֿון פּריץ. אָבער אַלעמען דריקט דאָס מלוכה־רעגירונג (דער נאַטירלעכער דינער בײַא דיא רײַכע) מיט זײַנע זאַקאָנעס, צינסין, אַרמייען, טורמעס און פּאָליצייא. אין איצטיגע צײַט, זײַנען דיא מלוכה־רעגירונגען פֿון אַלע לענדער אין דיא הענד בײַא די רײַכע קאַפּיטאַליסטען; זייא, דיא קאַפּיטאַליסטען ווײַזען אָן, וועלכע זאַקאָנעס אַרויסצוגעבין, בענוצען זיך ווען זייא דאַרפֿען מיט דיא אַרמייא און פּאָליצייא.

דער צו מאַכט ניט אויס צו עס קעניגט אין לאַנד אַ קיסר, צו עס רעגירט אַ פּרעזידענט: סײַא דער, סײַא יענער איז פֿאַרטיג אין אַלע צײַטען צו שיטצען דעם קאַפּיטאַליסט און אונטער צוטעניגען דעם אַרבייטער. אין אונזער צײַט הערשען איבער אַלס דיא קאַפּיטאַליסטען: ווײַל זייא האָבען אין האַנד דעם גרעסטען כּח—דיא רײַכטונגען.

ווען די אַרבייט־רעוואָליוציאָן וועט אַוועקנעהמען בײַא דיא קאַפּיטאַליסטען זייער כּח—דיא רײַכטונגען, וועלין אין דיא זעלביגע צײַט אוניצטאָזעט ווערען די איצטיגע מלוכה־רעגירונגען: וואָרום וויא באַלד אַז די מיטלען און דיא גיצאַייג פֿון דיא פּראָדוקציאָן וועט איבער גיין צו דיא אַרבייטער, וועט דיא רעגירונג אויך איבער גיין אין זייערע הענד. דאַן ווען קיינער וועט ניט זייגען קיין פֿרעמדע בלוט, ווען יעדער וועט אַרבייטען כּדי צו האָבען רעכט צו באַקוממען אַלס וואָס ער דאַרף צום לעבען, דאַן וועלין אַללע מענשען אין אמתן זײַן גלײַך און פֿרײַא.

---

15 סיבה.

װען אַלע ריַכטונגען װעלין װערען אַלגעמיינע, װעט יעדער זיַין פֿריַיא און אומאָבהענגיג אָן דעם צװייטען. נאָך דער אַרבייט־רעװאָליוציאָן װעלין דיא מענשען ניט האָבען אויף זיך קיין אַנדערע בעלי בתּים, קיין אַנדערע בעלי דעות אויסער זיך, און דאַן װעלין זייא אַליין אַרויסגעבין פֿאַר זיך נוצליכע זאַקאָנעס.

װען דיא קאַפּיטאַלען װעלין ניט געהערען צו איינציגע מענשען, װען עס װעט אָרגאַניזירט װערען דיא עקספּלואַטאַציע, װעט דער אַרבייטער־קלאַסס פֿריַיא װערען פֿון דיא גרויסע האָרעװאַניע, װאָס ציהט אויס פֿון איהם דיא כּח'ת און פֿאַרשװאַרצט איהם דעם לעבין.

איצט איז אין דיא פֿאַבריקען דער אַרבייטס־טאָג זייער לאַנג, װיַיל איצט איז דער אַרבייטער געצװאונגען צו פֿערקויפֿען זיך װיא איין קנעכט צום קאַפּיטאַליסט. נאָר דעם קאַפּיטאַליסט װילט זיך געװיינטלעך אַלס מעהר צו פֿאַרדינען און עס זאָל איהם װעניגער קאָסטען, דערום דינגט ער װייניגער אַרבייטער און בעשװערט דיא װאָס אַרבייטען ביַיא איהם. פֿון דער פֿון קומט אַרויס אַז אין דער ציַיט װען איין טהייל אַרבייטער װערט אָן דיא כּחות פֿון צו פֿיעל פּראַצע, שטאַרבט דיא אַנדער טהייל פֿון הונגער, װיַיל זיא האָט ניט קיין אַרבייט.

אויסער דעם איז דאָ זייער פֿיעל מענשען װאָס קענען האָרעװען און פֿון דעסטװעגען באַשאַפֿען זייא קיין שום זאַך ניט, װאָס זאָל נוטציג זיַין פֿאַר דער װעלט, למשל—סאָלדאַטען, הענדלער, קרעמער, אַלערלייא ליידיגגייער, װאָס לעבין פֿון פּראָצענט, אָדער דאָחאָדען א. ז. װ.

װען עס װעט מעגליך זיַין, אַז אַלע אַרבייטער װאָס מוזען איצט זיצען ליידיג, װאָלטען קענען אַנקומען אין דיא פֿאַבריקען, װאָלט מען אַרבייטענדיג נור 6 שעה אין טאָג אויף טהאָן װאָס מען טהוט אויף ביַיא דיא איצטיגע אָרדנונגען. און װער רעט שוין װעגען דעם אַז הכּלל אַלע געזונטע מענשען, ניט נור אַרבייטער, װאָלטען מוזען טהאָן, דאַן װאָלט דער אַרבייטס־טאָג געדױערען ניט מעהר װיא 4—3 שעה.

אַלע אַרבייט װאָלט צוטהיילט געװאָ־ען צװישען אַ גרעססערע מיינגע אַרבייטער און יעדעיער װאָלט דאַרפֿין אַרבייטען גאָר אַ קורצע ציַיט.

װען די קאַפּיטאַלען װעלין װערען אַלגעמיינע, װעט יעדער געזונטער מענש זיַין פֿאַרזיכערט, אַז טהאָנענדיג אַ קורצע ציַיט װעט ער קענען גליקליך לעבען.

אויסער דעם ענטװיקעלט זיך נאָכאַנאַנד די מאַשינען און דיא אַרבעט װערט אַלץ גרינגער. נאָך דיא רעװאָליוציאָן, װען דער המון װעט זיך אויך קענען בילדען, װעט די מאַשינערייא זיך נאָך מעהרער ענטװיקעלן. דאַן קען מען האָפֿען װעט מען אָפֿטער אויף קלערען ניַיע מאַשינען, װאָס פֿאַרגרינגערן דעם מענשענס אַרבעט, דערום קענען מיר געװיס פֿאָרױס זאָגען אַז נאָך דיא רעװאָליוציאָן װעט דער מענש דאַרפֿין אַרבעטען ניט מעהר װיא 4—3 שעה אין מעת־לעת.

אויף דעם אייפֿין װעט דיא אַרבעט שיין ניט זיַין אַזייא שװער. אַדרבה זיא װעט זיַין אָנגענעהם און נוצליך פֿאַר דעם מענשען. דיא אַרבייטער װעלין װערען פֿריַיא און װעלין האָבען דיא מעגליכקייט צו לערנען זיך און צו ענטװיקלען אַלע זייערע פֿייהיקייטען. זייא װעלין אַרויס גיין מעבֿדות לחרות: אַנשטאָט צו זיַין קנעכט ביַיא דיא מאַשינען װעלין זייא זיַין זייערע הערשער.

װען די אַרבייט־רעװאָליוציאָן װעט אָרגאַניזאָזען דיא עקספּלואַטאַציע און װעט פֿערקירצען דעם אַרבייטס־טאָג, װעט יעדער קענען געניסען פֿון דיא ליכטיגקייט פֿון דיא װיסענשאַפֿטען: יעדער װעט זיך קענען ענטװיקלען און בילדען און מיט דער מיט װעט דיא ציװיליזאַציאָן פֿערגרעססערט און פֿאַרברייטערט װערין און מענשין װעלין לעבען גליקליך.

אַזוי זעהען מיר, אַז פֿון דיא אַרבייט־רעװאָליוציאָן שפּראָצט אַ גליק ניט נור פֿאַר דיא אַרבייטער נור פֿאַר דעם גאַנצען מענשענהייט: יעדער װעט זיַין פֿריַיא און גליקליך.

װען דער אַרבייטער־קלאַסס װעט אַרויסגיין פֿון פֿינסטערקייט אין ליכטיגקייט און װעט אַראָבװאַרפֿען פֿון זיך זיַין יאָך, װעט ער קיינעם ניט אונטערטעניגען, קיינעם ניט אומגליקליך

מאַכין: ער װעט מעהר ניט אונטערשטיצן דיא הערשאַפֿט פֿון איין קלאַס אויף דעם אַנדערן און װעט אײבערטראָגען[16] דיא װעלט אין דרײַא זאַכען: פֿרײַהייט, גלײַכהייט און ברידערשאַפֿט.

## IX

מיט יעדער טאָג װערט נאָהענטער די צײַט, װען עס װעט זיך אויפֿהייבען דיא אַרבײט־רעוואָלוציאָן, דיא צײַט, װען דיא אַרבייטער װעלען צונעהמען זייערע רײַכטונגען און דיא רעכטען, מיט װעלכע נאָר זייא אַליין פֿאָלזוווען זיך.[17] נאָר עס האָט קיינמאָל ניט געטראָפֿען, אַז דער שטאַרקער זאָל זיך אַליין אָבזאָגען פֿון זײַנע רעכטען, געוויינטליך קענען מיר דערום ניט האָפֿען אַז דיא קאַפּיטאַליסטען זאָלען דאָס אַזוי טהאָן.

איצט קאָם מיט צרות, מיט גוואַלד קענען דיא אַרבייטער זיך דערשלאָגען אַז מען זאָל חאָץ אויף אַ קלײניקייט פֿאַרגרעסערען זייער אַרבייטס־לאָהן אָדער עפּעס פֿאַרבעסערין זייער לאַגע בייא דיא אַרבעט. היינט וואָס װעט שוין זײַן אַז מען װעט דאַרפֿין אונטערזוכען דיא פּריווי־לעגעס פֿון דיא קאַפּיטאַליסטען און אַרויסרייסען פֿון זייערע הענד דיא רײַכטונגען! געוויינטליך װעלין דיא קאַפּיטאַליסטען דאָס ניט אַוועקגעבין מיט גוטען—מען װעט מוזען מיט גוואַלד אַוועק נעהמען.

אין זאַכין, אין װעלכע עס בעווענדען זיך אַ אַללגעמיינע אינטערעס, אַ גליק פֿאַר דיא גאַנצע מענשהייט מוז מען זײַן באַשלאָססען אויף אַלץ. פֿון אונזערע בלוט־פֿרעשער, פֿון אונזערע ראַבירער קענען מיר ניט האָפֿין אויף סאָוועסט,[18] אויף אָרענדליכקייט. דיא פֿאַרבעססערונגען, װעלכע זייא װילען אײַנפֿיהרען איז נאָר אום דיא אייגען אָבצופֿיהרען, נאָר זייער שפּיל איז פֿערפֿאַלען. דיא רעוואָלוציאָן רוקט זיך אַלץ נאָהענטער.

דיא אַרבייטער װעלין מוזען אַוועק נעהמען בייא דיא קאַפּיטאַליסטען זייערע פּריווילעגעס, דיא דעות אין מלוכה־פֿיהרונג כדי צו צונעהמען בײַא זייא דיא אָנגעראַבירטע רײַכטונגען און אַוועק צו געבען דעם געזעלשאַפֿט אַלס עולם׳סע אייגענטהום אַללעס װאָס פֿאָדערט זיך צו דיא פּראָדוקציאָן.

## X

דיא צײַט פֿון דיא רעוואָלוציאָן נאָהענט זיך. אין פֿיעל לענדער האָבן דיא אַרבייטער זיך שוין צוזאַממען געבונדען אין אַ שטאַרקע פּאַרטייא. אין דײַטשלאַנד, אין פֿראַנקרײַך און אין איינגלאַנד פֿיהרען שוין לאַנג דיא אַרבייטער אַ שטאַרקע מלחמה מיט דיא קאַפּיטאַליסטען, און האָבען שוין אויסגעפֿירט אַז זייער לאַגע זאָל אַ סך בעססער װערען; זייא האָבען דאָרט געמאַכט שטאַרקע אַרבייטער חבֿרות פֿאַר װעלכע עס האָבען מורא דיא מלוכה־פֿיהרער און די קאַפּיטאַ־ליסטען.

ווא דיא אַרבייטער פֿיהרען שוין לאַנג אַ שטרײַט מיט דיא קאַפּיטאַליסטען דאָרט זײַען זייערע חבֿרות אַזוי שטאַרק, דאָרט פֿאַרשטייען זייא זאָ גוט זייערע אינטערעסין, אַז איבערהויפּט איז זייער ציעל איבער צו מאַכען דעם קאַפּיטאַליסטישען װעלט־אָרדנונג. יעטצט איז שוין ניט װײַט דיא צײַט װען זייא װעלין קענען דאָס ערדרײַכען.

אין דיא לענדער װאָס געפֿינען זיך אין מערבֿ אייראָפּע גייען דיא אַרבייטער מיט דיא קאַפּיטאַליסטען אויף מעסערס: נאָך אַנאַנד הערט מען דאָרטען פֿון סטאַצקעס[19]; דיא אַרבייטער־פּאַרטייען װאַקסין אין דער לייננ און אין דער ברייט, דיא מלוכה־פֿיהרער מוזען אָפֿט נאָך געבין און חנפֿענען דיא אַרבייטער. כמעט אין אַלע שטעדט האַלטען דיא אַרבייטער ביד אחד מלחמה

16 איבערבויען.

17 באַנוצן זיך.

18 געוויסן.

19 שטרײַקן.

מיט זייערע פאבריקאנטען. ביסלאך ווייס דערשלאגען זייא זיך צו דאס, וואס זייא האבין נעהאלט, ווערין אלס שטארקער און פאדערן אלס מעהרער.

נאך אין איניגע צייט וועט זיך אויף הייבען דיא רעוואלוציאן. עס פערשטייט זיך אז דיא רעוואלוציאן וועט זיך ניט באגוגנען מיט איין לאנד מעהר נישט: זיא וועט זיך פארשפרייטן איבער דער גאנצער וועלט, איבער אללע לענדער, ווא עס איז נאר דא קאפיטאליסטען און ארבייטער. עס וועט זיך אויפהייבען דער גאנצער אייראפאיישער פראלעטאריאט—אונטער זיין פאהן וועלין זיך צוזאממען ציהען אללע געדריקטע און אונטערטעניגע.

די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט וועלין זיך צונויף בינדען כדי איין מאהל פאר אללע מאהל גובר צו זיין זייערע פיינד.

XI

דיא גרויסע ארבייטער-רעוואלוציאן נאהנטערט זיך... מיר, רוסישע ארבעטער, טארין ניט זיטצען ליידיג, און ווארטין אויף איהר. מיר דארפין זיך שטארקין און פערטיגען צו בעגעגענען איהר. לאמיר שטא:ען זיך צו זיין אזייא שטארק אזייא ווי אנדערע מערבדיגע ברידער. נור שטארק קענען מיר זיין, אז מיר וועלין זיין באהדות, אז מיר וועלין פארשטעהען אונזערע אינטערעסין און אונזער ציעל.

דערום מוזען מיר אומעטהום זיך צוזאמענבינדען אין ארבייטער-בונדען, אומעטהום צו שטרייטין מיט דעם קאפיטאליסטישען יאך: פאדערן בייא דיא פאבריקאנטען פערגרינגערונגען, העלפען און שטיין איינער פאר דעם אנדערן אזייא וויא סטאהל און אייזען — הקצר [הקיצור] מיר מוזען ווערין איין ארבעטער פארטייא. די ארבייטער פארטייא וועט זיין אין שטאנד צו פאדערין פאר דעם רוסישען ארבייטער פרייהייט און אלערלייא פראוועס.

דיא ארבייטער פארטייא און די מלוכה-רעגירער קענען ניט זיין פריינדליכע שוועסטער און ברידער, ווייל אומעטום האלטין דיא מלוכה-פיהרער פאר דיא רייכע קלאססין. דיא ארבייטער האבן ניט קיין שייכות צו דיא דוכאוונע.[20] זייא דיא דוכאוונע האלטען אויך מיט דיא רייכע—מוסר'ן דעם ארבייטער פאר וואס ער בענוגענד זיך ניט מיט זיין צושטאנד און איז מקנא דעם רייכען. דיא מלוכה-רעגירונג און די קאפיטאליסטען ווייסען וויא צו פיהרען זייער עסק: זייא עולהן און גזלהן דען ארימען ארבייטער ביז יענר גייט ארויס פון זיך, דאן רייצען זייא איהם אן אויף דעם פערהאסטין יודען. עס איז שוין צייט אז מיר ארבייטער אין רוסלאנד זאלען שוין אויך פארשטיין, וויא עס פערשטעהען דאס אונזערע אויסלענדישע ברידער, אז אונזערע שונאים זיינען מעהר ניט וויא דיא קאפיטאליסטען, ווער זייא זאלען ניט זיין: צו דיא פרומסטע חבדניקעס אדער אמתע פראוואסלאוונע. און פארקעהרט אללע ארבייטער, צו וואס פאר א גלויבען זייא זאלען ניט געהערען, זיינען אונזערע ברידער, ווייל מיר אללע האבין איין אללגעמיינעם פיינד, איינע אינטערעסין, איינע פאדערונגען און איינע האפנונגען. עס איז שוין צייט אויך צו פארשטיין, אז דעם ארבייטערס לאגע קען אויף א האר ניט ווערין בעססער דערפון וואס דיא מדינה וועט ווערין גרעססער און וועט איין נעהמען אנדערע פעלקער. ווארום לאמיר זעהען וואס קומט ארויס דעם רוסישען ארבייטער און דעם רוסישען פאלק דער פון וואס רוסלאנד האט אוועק גענומען פוילען און טעניגט איהר פיעל צעהנדלינג יאהרין? אדער וואס האבין אויסגעפיהרט דיא דייטשע ארבייטער דער פון וואס דייטשלאנד האט איין גענומען בייא פראנקרייך עלזאס-לאטארינגיא?

ווען דיא ארבייטער וועלין זיך נעהמען פעסט און שטארק פאר דיא קאפיטאליסטין, דאן וועלין זייא ערדרייכען זייער ציעל: זייא וועלין פערבעססערען זייער שטאנד, וועלין אראב ווארפין פון זיך זייער שווערען יאך און וועלין ווערין פרייא.

אמן.

---

[20] גייסטליכע.

געדרוקטע בראָשורן

# „גוט יום טוב“*

## אַ קלײנע ערצעהלונג

## „GUT JOM TOW“

1 8 9 5
LEMBERG
Verlag der Redaction des „Arbeiter“
Buchdruckerei Ch. Rohatyn

## דער ערסטער מאי.

דער ערסטער מאי, דער יום טוב פין ערסטין מאי הערט זיך דיא לעטצטע פינף יאהר אין אללע צייטונגען; וואס איז דאס פיר איין יום טוב? פאר וואס רעט מען וועגין איהם איצט אונ פאר וואס האט מען פריהער וועגען איהם ניט גיהערט? פאר וואס רעט מען ניט וועגען סכות, וועגען פסח, וועגען פורים, וועגען נייא יאהר אונ נאך אזעלכע יום טובים? פאר וואס זענין דיא אללע יום טובים פארגעשריבען אין ספר הזכרונות אין פאר וואס געפינט מען ניט דארט דעם יום טוב פון ערסטען מאי? וויר ווייסין גאנץ גוט אללע, אז יעדער יום טוב איז דאריבער נור איין יום טוב, ווייל ער דערמאנט אונז אן וואס פאר עס איז נסים, אן וואס פאר עס איז גליקען, וועלכע האבין זיך געטראפין מיט אונזערע אבות אבותינו; אזיי פסח דערמאנט אונז יציאת מצרים, סוכות ווידער דערמאנט אונז אן דיא וואנדערונגען פון אונזערער אמאליקען פאלק אין דער מדבר א. ז. וו. יעדער יום טוב סיי בייא יידין סיי בייא קריסטען איז פארבונדען מיט איין פאקט פון זייער לעבין אונ יעדער יום טוב ווערט געהייט אין געפייערט בייא א ל ל ע פעלקער און א ל ל ע לענדער גלייך פון א ל ל ע מענשען: סיי ארים סיי רייך יעדער זעהט צו האלטין דעם יום טוב מיט וואס ער קען, צו אונטערשיידען דעם טאג פון יום טוב פין אלע טעג. נו, אין אויך אזוי, אויך יום טובים זעהען א ל ל ע צו אונטערשיידען פין איין געוועהנליכע צייט, אויך יום טובים דערמאננען אונז אן אללערלייא פאקטען פון דעם לעבין פין אונזערע אבות אבותינו. נו וויא אונטערשיידען ד ע ם יום טוב א ל ל ע מענשען אונ א ל ל ע לענדער אונד אן וואס דערמאנט ער זייא? דער יום טוב פין ערסטען מאי איז נישט פארשריבין אין ספר הזכרונות, דעם יום טוב פין ערסטין מאי היטין נישט א ל ל ע מענשען נור א י י ן טהייל פין אללע מענשין: ד י א א ר ב י י ט ע ר! נישט אין א ל ל ע ל ע נ ד ע ר אונ נאך נישט בייא אללע פעלקער; דער טאג פין ערסטען מאי האט מען דעם ערסטען מאל געהאלטין פאר איין יום טוב אין יאהר 1890 דאס הייסט מיט 5 יאהר צוריק! פינף יאהר? אן וואס פיר איין פאקט דערמאנט ער אונז? וואס האט זיך געטראפפין מיט 5 יאהר צוריק? אונ אויב עס האט זיך געטראפפין, טו פאר וואס איז דאס איין יום טוב נאר פיר איין טייל מענשין פיר ארבייטער און ניט פיר אללע מענשען? לאמיר דאס זעהן.

* * *

מיר זאגען, דאס דער ערסטער מאי איז איין יום טוב פיר ארבייטער; אבער ווער זענין ארבייטער? דאס איז ד ע ר טהייל מענשין, וועלכער פערברענגט זיין גאנצעס לעבין אין שווערע

---

* די דאָזיקע בראָשור איז פֿון די גאָר ע ר ש ט ע געדרוקטע אומלעגאַלע בראָשורן א ן רוסלאַנד (זע אַרײַנפֿיר). זי איז געדרוקט אין ל ע מ ב ע ר ג 1895 און האָט געהאַט אַ פֿאַלשן שער־בלאַט כלומרשט פֿון אַ ווילנער דרוקערײ. די לעמבערגער יִדישע סאָצ׳ צײַטונג „דער אַרבעטער“ האָט זי אָפּגעדרוקט אויך פֿאַר גאַליציע, און פֿון דער דאָזיקער אויסגאַבע דרוקן מיר דאָ איבער (מיט אײניקע קיצורים). **אויספֿירלעכער זע** דעם אַרײַנפֿיר־אַרטיקל. די בראָשור אַנטהאַלט 10½×14 סענט׳, 24 קלײנע זײַטלעך. — ר ע ד אַ ק צ י ע.

הארעוואניע, דאס איז ד ע ר טהייל מענשין וואס לעבט אונטער דעם יאך פין הינגער אונ נויט, דחקות אונ קעלט, וואס האט קיין מאל קיין רוה, וואס האט קיין מאל קיין פרייהייט, וואס האט נור איין רעכט; דאס רעכט צו ליגען אין דער ערד גלייך מיט אללעמען! יע! נור דאס איז זיין רעכט! אונ אויך [אויב] אזוי, טא וואס איז דאס ביי איהם פאר יום טובים? וויא קימט ער צו זייא? ווען האט ער דאס גינימען? פאר וואס האבין דאס ניט גיהאט זיינע אבות אבותינו? דער ערסטער מאי דערמאנט דעם ארבייטער, אז ער איז איין ארבעטער, אבער ווער זענען גיוועהן זיינע עלטערן? ווער זיינע אורעלטערן? דאך א י י ך ארבייטער, נו, פאר וואס האבין זייא ניט גיהאט קיין יום טוב פין ערסטין מאי? דער ערסטער מאי דערמאנט דיא ארבייטער אן זייערע ליידין. אן דעם, אז זייא זענין גאר איין בעזונדערער טהייל פון מענשין און ט א ק י דער טהייל וואס לעבט אונטער דעם שווערין יאך פין דחקות אונ נויט, נו, אונ זייערע עלטערן? זענען זייא גיוועזין פרייער, האבין זייא גילעבט בעססער? דיא עלטערן פין דיא ארבייטער זענען גיוועזין אויך ארבייטער אונ דאס הייסט, אז זייא זענען גיוועזין נ ט פריי. זייא זענין גיוועזין ארבייטער אונ דאס הייסט, אז זייא האבין ניט געוואוסט פין איין גיטין לעבין, דאס הייסט, אז זייא האבין צייט זייער לעבין גיקלאפט דעם קאפול, געהובעלט דיא האלץ, גיבלענט דיא אויגין בייא דער נאדיל, גישלעפט די מאשאעס [משאוה], גידרייט דעם ראד, גיהאקט מיט דען האממער אונ נאך אזעלכע זאכען, נאך אונ נאך אזעלכע פארגעניגענס וואס גיהערט ניט [נור] צום ארבייטער, וואס גייט איבער צו איהם פין דור צו דור, פין גליד צו גליד!...

...נאר דאס לעבען איז גינאנגען, דיא צייטען האבען זיך געביטען, דאס לעבין האט צעריאנט דיא ארבייטער פין זייערע בעזונדערע ווינקעליך אין דיא גרויססע הייזער פין דיא גרויססע שטעדט וויא דער ארבייטער האט דערזעהן, אז נישט ער אלליין איז דאס שלימזל, אז לעבין איהם איז פארהאנדען נאך אזאלכע שלימזלס, אבער וויא קיממט דאס, אז אזוי פיעל מענשין זאלין זיין שלימזלס? אויב מיר איז נישט גוט, ווייל איך בין קיין מענש, ווייל איך בין גישטראפט פין גאטט, וואס איז דאס מיט דיא אללע וואס זענין מיט מיר צוזאממען אויך אזוי? איז דען צווישען דיא אללע נישטא קיין מענשין? ניין! דאס איז נישט אזוי, דא מוסס עפיס זיין א גרונד, דא מוסס עפיס זיין א װאונדערליכע זאך וואס עס ברענגט אזוי פיעל מענשין פין אללערלייא ספאסאבעס,[1] אזוי פיעל מענשין וואס איינער איז ניט פאתאזע[2] אויף דעם אנדערן— צו איין לאגע, וואס פערגלייכט זייא אלעמען, אויב מיין אונגליק איז פין דעם וואס איך האב א שלעכטען קאפף, טו, פאר וואס איז אין דערזעלבער לאגע אויך דער וואס האט א גוטען קאפף? אויב מיין אונגליק איז אין דעם וואס איך בין פויל, טו, פאר וואס איז אויך אזוי דעם וואס ארבייט טאג און נאכט? אונ פאר וואס איז אזוי גוט דעם פאבריקאנט וואס טהוט גאר נישט? א גאנצער רייהע געדאנקין האט זיך אויפגעהויבען בייא דעם ארבייטער, ער האט זיך גישטעללט דיא פראגע פאר וואס איז דאס אזוי: אונ דיא שטענדיגע נויט, די שטענדיגע צרות האבין איהם געשטיפט צו זוכען א ענטפער אויף דער קשיה, זיין קאפף האט נישט גערוהט. ער האט געזוכט, וויא [ווו] ליעגט דא דער אנהייב פון דיא שווארצע קונסטשטיק, אונ זוכענדיק דעם אנהייב האט ער איהם געפינען. ער האט דערזעהן, אז פון איין זייט שטייט א גרויססע, גרויססע מאססע מענשען, פערשווארצטע, פערפינסטערטע, נאקעטע אונ הוילע אהן פרייהייט, אהן דיה וויא איין ראד בייא א מאשין, וויא איין האממער ביים קושנע [קוזנע], וויא איין ברעט ביים הובעל, אונ דיא פעקעליק ביים בעקער, אונ די גריבער פון קוילען אונטער דער ערד, אונטערן וואססער. אהן געזונד, אהן פערשטאנד, אונ אויף דער אנדערער זייט גאר א קליין הייפעלע מענשען, וואס הייסט נישט פון האממער, פון קעססעל, פון פיעקליע, פון גרוב, זייא ווייססען נאר פון דיא גרויססע פאלאצען, פון דיא קארעטין אויף גומענע רעדער, פון טהעאטער, פון בעללע, פון אללערלייא פערגניגען, פון פרייהייט, פון ליעבע, פון אללעס, אללעס גוטע.

ער, דער ארבייטער האט דאס דערזעהן, ער האט דאס דערפילט אונ, אז ער האט דאס דערפילט, האט ער שוין ניט גיקענט בלייבען דערביי, ער האט געזוכט פאר וואס איז דאס אזוי.

---

1 געמיינט מסתמא—פעזיקייטן. 2 ענלעך.

איך וויל אויך זיין אזוי וויא דער קליינער הייפעלע מענשין, לאמיר אנטלויפין פון מאשין, לאמיר ווייכין פון קוזנע, לאמיר לויפען פון גרוב! אבער איך לויף פון מאשין קום איך אין גרוב, איך לויף פון קוזנע, קום איך צום סאשין [מאשין], אונ פאר וואס? ווייל איך האב נאר מיינע פינף פינגער, ווייל דער קעסיל, דיא מאשין, דיא קוזנע, דער ווארשטאט גיהערן נישט צו מיר, נור איך צו זיי. אבער וויא גיהערט דאס א מענש צו א מאשין, צו א ווארשטאט, צו א קעסיל? גאר פראסט. ווען דער מענש קען ניט ארביטען אהן מאשין, אהן קעסיל, אהן ווארשטאט, אונ ווען דער מאשין, דיא קוזנע, דער ווארשטאט, דער קעסיל גיהערין ניט איהם נור אנדערע, דאנן גיהערט ער צו דיא מענשין וואס האבין דעם מאשין, דעם קעסיל, דעם ווארשטאט, דיא קוזנע, גיהערט ער אנדערש גיזאגט דיא מאשין, דעם קעסיל, דעם ווארשטאט, דיא קוזנע. יא! מיר ארבייטער קענין אוועקלויפין פון מאשין. אבער מיר מיזין זיך גלייך קערין צום ווארשטאט, צום קוזנע, מיר קענין אויסבאטען דעם מאשין אויפ'ן קעסיל, דעם קעסיל אויפ'ן קוזנע, אבער גאר אנטלויפין פון קעסיל, פון קוזנע, פון מאשין, פון הוביל, פון נאדיל, פון אויבין, פון גרוב, פון פייער קענין מיר נִיט. מיר האבין ניט קיין אנגיגרייטע הייזער, קיין פארטיגע קליידער, מיר האבען ניט קיין ברויט, מיר האבין נור איין זאך—ארנזערע צעהן פינגער. אונ אז מיר ווילען עססין, מוזין מיר גיין פארקויפען, פארדינגען אונזערע הענד, אונזערע פיס, אונזער קראפט, אונזער לעבין! אבער פארקויפען אונזער קראפט, — צו ליב וואס זאל מען דאס ביי אונז קויפען? צו ליב וואס קויפט דער פאבריקאנט דיא קראפט פון טויזענדער ארבייטער וואס טוהן ביי איהם אין פאבריק? אויף וואס דארף ער זיי? אום אויף זיי צו קוקען? אדער אויס רחמניות זיי צו געבין עססין ווייל זיי זענין הונגעריג? נאר אויך [אויב] אויס רחמניות, טו וואס דארף ער זיי זאלין ארביטען ביי איהם? ביי זיינע מאשינעס? זאל ער זיי געבין דיא מאשינעס אונ זיי וועלין ארביטען פאר זיך און איהם וועט ניט דארפין דרייען דעם קאפף פאר זיי. יא! אבער וואס וועט ער אליין טאן? פון וואנען וועט ער נעהמין דיא גומענע רעדער, דיא טייערע ווייגען, דיא גרויסע הייזער, דיא אללע, אללע רחבות אין וואס ער לעבט? ווער וועט דאס באשאפין?...

...און דעראיבער קען זיך יעדער באזונדער נישט העלפין, העלפין קענען זיך נור אללע צוזאממען, דען ווען אללע וועלין זיין צוזאממען וועט זיך שוין דער איינער אויך קענען שטעלען אום צו פערבעססערן זיין לאגע, ער וועט וויסען, אז אויף זיין ארט וועט שוין קיין אנדערער ניט גיין, ער וועט וויסען, אז דיא אללע איבריגע זעהן אויך אין וואס ליגען זייערע צרות אונ פארשטייען, אז זיי מוזין זיך האלטען אללע צוזאממען, אז זיי מוזען זוכען דיא ערסטע זאך: אחדות אום צו קענין זיך העלפין צו זייערע צרות. דאס איז דאס ערסטע מיטטעל, צו וועלכען זיי זענין געקומען — אחדות צווישען דיא ארבייטער — אללע ארבייטער מוזען זיך פאראייניגען, אללע ארבייטער מוזען זיך ארגאניזירען צוליב דעם, אז מען זאל ניט קענין פאריאגין יעדין באזונדער, צוליב דעם אז מען זאל זיך ניט אויסלאכען פון זייערע פארדערונגען, צוליב דעם אז דער אנדערער טהייל פון דיא מענשין, וויא מיר האבען גיזעהן—דיא קאפיטאליסטען זאלין זיך רעכנין מיט דיא ארבייטער וויא מיט מענשין וואס האבין איין קראפט, וויא מיט איין כח וואס קען זיך האלטען, ווען זיי זענין אלע צוזאמען; אחדות אונ ארגאניזאציע, דאס הייסט יעדער פיר אללע, אונ אללע פיר יעדערן, אט דאס איז דער איינציגער מיטטעל, צו וועלכען דיא ארבייטער זענין געקיממען אונ דאריבער האבען זייא אנגעווענדעט אללע זייערע קרעפטען זיך צו ארגאניזירען דאס הייסט זיך פאראייניגין, אז איינער זאלל וויסען פון אנדערין, אז איינער זאל ניט גיין אנטקעגין אנדערן; נור פארקעהרט, האנד אונ האנד מיט דעם אנדערן וויסינדיג נור איין זאך, דאס דיא פארבעסערונג פין דעם לעבין פין יעדעם איינציגין הענגט אב פין דיא פארבעסערונג פין אלימען, דען טאמער וואלט זיך טרעפין אז איינציגער ארבייטער זאלל זיך האבין איינגיגעבין וויא עס איז צו פארבעססערן זייער לאגע אן דיא הילפע פין דיא איבעריגע, וועלכע זענען גיבליבין בייא זייערע פריערדיגע אבסטאיאטעלסטווע[3] פארשטייט זיך, אז דאס וואלט ניט אויסגיהאלטין גיוואריו, וואורין אזוי גוט וויא דיא ארבייטער ווילין אונ זוכין צו

---

3 אומשטאנדן, לאגע.

פארבעססערן זייער לאגע, אזוי ווילין דיא פאבריקאנטין דיא בעלי־הבתים פארקערט אלץ אנלייגין מער שווערענעס אויף זייא, דען וויא מיר האבין שאן גיזעהן פריער, איז אלץ וואס עס איז ג ו ט פאר דעם ארבייטער, איז ניט ג ו ט פאר דעם פאבריקאנט און אייך [אויב] ער גיט נאך דעם ארבייטער טוט ער דאס נור דאן, ווען ער קען שאן אנדערש ניט, ווען ער נייטיגט זיך למשל איין ארבייטער און קען אין דיא צייט קיין אנדערן אויף זיין ארט ניט באקימען (און דאס קען אויסקימין ווען דיא ארבייטער זענין ארגאניזירט, ווען דיא אחדות צווישין זייא איז שטארק), אבער איינציגע געלינגט אייך אמאל צו פערבעססערן זייער לאגע, אבער מיר האבין דאך גיזאגט, אז איינצעלנע קענין זיך פארבעססערן נאר נור ווען דיא לאגע פון אללע ארבייטער וועט זיך פארבעסערן און אז נימ וועט דאס ניט האלטין...

...האט דען דער ארבייטער קיין מענשליכע פראוועס[4] ניט? קען ער ניט לעבין אדער שטארבען וויא ער וויל? האט ער דען ניט פרייהייט? ניין! שטארבען מ ו ס ס ער פאר דער צייט, ער איז ניט פריי צו לעבין אפילו ער וואלט קענין לעבין און וויפיל ער וואלט וועלין לעבין, דען דיא ארבייט אהן א שיעור, דיא פארפעסטעטע לופט, און דיא שרעקליכסטע אויסלאוויעס[5] פאקט [האקט] עס אונטער זיין לעבין און אין דיא צייט ווען אלע מענשען נישט ארבייטער לעבען דורך דער באנק (דורכשניטליך) 35 יאהר, לעבט דער ארבייטער נאר 15 יאהר. און אויך [אויב] אלץ מ ו ס ס ער, און אויך [אויב] ער לעבט ניט אזוי פיעל, וויפיל ער וואלט גיקאנט לעבין, נוא וויא איז זיין פרייהייט? ער ארבייט וויניגער, האט ער מעהר פרייהייט, פיהלט ער זיך מעהר אלס מענש. נוא, און אויב אזוי, אום צו ווערין פרייער, מוססען מיר אנווענדין אונזער איינציג מיטטעל: אחדות, ארגאניזאציע, דער צו זענין געקומען דיא ארבייטער פון אללע לענדער נאך א לאנגען שטרייט, נאך א לאנגען רייהע פון ליידען, נאך דעם וויא עס איז פארגאססען גיווארין טייכען בלוט, נאכדעם וויא עס איז געפאלען אפפער, און ערצט אין אנדענקען פון זייער לאנגען שטרייט, אין אנדענקען אן דעם אין וואס באשטייט דיא הילף אין זייער שטרייט, און אנדענקען אן דעם וואס זייא דארפען פארדערן און ווי זיי דארפען פארדערן זייערע מענשליכע רעכטע, אין אנדענקען אן דעם וואס זיי האבען דערגאנגען און וואס זיי דארפען באקומען, האבין דיא ארבייטער פון אלע לענדער אויף דער אסיפה אין פאריז (אין פראנקרייך) אין יאהר 1889, האבען דיא ארבייטער גירעשעט[6] צו מאכין אן׳ארבייטער יום טוב, איין יום טוב נור פיר דען ליידענדען טהייל פון דיא מענשין און דעם טאג פון דעם יום טוב האבען זיי אויסגעקליבען דעם ע ר ס ט ע ן מ א י, דעם טאג ווען דיא נאטור לעבט אויף פון איהר לאנגען ווינטערדיגען שלאף, דעם טאג ווען דיא פייגאלעך נעמין פארנאנדער זייערי פליגאלאך, דעם טאג ווען דיא ארימע, פארוואגילטע ארבייטטער, פארשווארצטע אונטער דעם יאך פון דעם טויזענדיעהריגען ווינטער פון צרות, אונטער דעם יאך פון קאפיטאליסטען, פון שקלאפעריי, דעם טאג ווען זיי דערמאנען זיך אן דעם, אז זייא זענין אויך מענשין און דארפין פארדערן, אז מען זאל זיי לאזין לעבין, לאזען ארבייטען נאך זייערע קרעפטען נאך, מען זאל זייא נישט נייטען צו ארביטין מעהר וויא 8 שעה, מעהר וויפיעל א מענש קען ארביטין נישט צו שטארבין פאר דער צייט, נישט צו לעבין דורכשנישליך 15 יאר, ווערהענד אללע לעבין 35, נישט צו בלייבען אהן פערשטאנד אהן כח, אהן מח. דאס איז דער יום טוב פין דעם ערסטען מאי, און איטצט זעהען מיר, פאר וואס ער איז נישט אריינגעשריעבען אין ספר הזכרונות, פאר וואס האלט איהם מעהר נישט וויא א טהייל מענשען — דיא ארבייטער, פאר וואס איז ער גיווארען א יום טוב ערסט מיט 5 יאהר צוריק, פאר וואס שרייען דיא אללע קאפיטאליסטען איבער דעם יום טוב, פאר וואס זעהען זייא אנצווענדען זייערע קרעפטען צו אוניצטאשזען[7] דעם יום טוב, דעם טאג ווען אללע ארבייטער פיהלען זיך וויא מענשען וואס האבען איין ציעל, איין מיטטעל און איין שונא, וויא מענשען וואס וויססען און פיהלען, אז זייא

---

4 רעכט.

5 באדינגונגען.

6 באַשלאָסן.

7 פאַרניכטן.

מיזען שטרייטען מיט זייער שונא, וויא מענשען וואס ווייססען אונ פארשטייען, וויא זייא האבען שריטט ביי שריטט גענאממען קרעפאסטען[8] פארגיססענדיג אפיללע, אפיללע [אפולע] בלוט, וויא מענשען וואס וועלין ווייטער אויך פארגיססען זייער בלוט נור אום אויסצופיהרען דיא הייליגע ארבייט, צי פארבעססערן דיא לאגע פון דיא אומגליקליכע ארבייטער, וועלכע זענען פערשווארצט אונטער דעם יאך פון זייערע בלוטזויגער—דיא קאפיטאליסטען!—דאס איז דער יום טוב...

...צי דעם זענען געקימממען אין אויסלאנד אונזערע בריעדער און שוועסטער, צוליעב דעם האבען זייא געמאכט דעם יום טוב פין דעם ערסטען מאי, צוליעב דעם גייען ארויס אין דעם טאג אויף דיא גאססען דיא אללע ארבייטער וואס האלטען צוזאממען, וואס זענען ארגאניזירט, וואס דערמאנען זיך אן דעם וואס זייא דארפען זיך דערשלאגען: איין קירצערען ארבייטסטאג, איין ארבייטסטאג פין 8 שעה, ווייל דאס איז דיא צייט וויעפיעל דער מענש קענן ארבייטען נאך דיא קרעפטען נאך, און אום דאס זיך צי דערשלאגען דארפען זייא זיין אללע צוזאממען, אום דאס זיך צו דערשלאגען דארפען זייא געדענקען, דאס זייא אללע, אללע ארבייטער סאי שוסטער, סאי שניידער, סאי סטאלערעס, סאי שלאססערעס, סאי בעקער, סאי גרעבער, זייא אללע, אללע פערוויסטע, פערוואוגעלטע, נאקעטע אונ הונגעריגע זענען אללע בריעדער אונ שוועסטער, זענען גליעדער נור פון איין פאמיליע ארבייטער, וועלכע האבין זיך שוין גיהאלפין אין זייער אומגליק אונ קענען זיך העלפין ווייטער, וועלכע נעמען זיך אללע צוזאמען אום ארוב צו ווארפין דעם עוואכין [שווערין?] יאך, אום אויפצוהייבין האך דיא פאהנע פון ברידערליכקייט, אייניגקייט אונ פריהייט! יע! ברידער אונ שוועסטער, דאס זאגין אונז אונזערע ברידער אונ שוועסטער פון אויסלאנד, דאס ווייזין זייא אונז מיט דעם יום טוב פון ערסטין מאי, דאס דארפין מיר צו הערין אייך דא אונ רוסלאנד, דאס דארמין [דארפן] מיר אננעהמין אויך בייא אונז דא ווא מיר זענען נאך ווייט פון דאס וואס אונזערע אויסלענדישע ברידער אונ שוועסטער האבין שוין איצט, דא ווא מיר זענען גידריקט אונ גיצוואונגין, דא ווא מיר קענען ניט און טאהרין ניט רירין מיט איין גליד, דא ווא מיר האבין ניט קיין רעכט צוזאממען צו קימען עטליכע מענשין צוזאממען, דא ווא מען רופט אן יעדער שריט צו פארבעססערן די לאגע אין [איין] בונט אונ פיר איין בונט זעטצט מען אין דיא טורמעס, דא ווא מען מאכט צו דיא אויגין דיא מענשען וואס זעהן און ווא מי מאכט טייב דיא וואס הערין, דא ווא מען לאזט זיך ניט לערנין אום צו האבין בעססער בהמות איידער זעהעדיגע מענשין, דא ווא די גיוואלט איז ערגער וויא אין אללע לענדער יע! אויך דא, אויך בייא אונז! אבער וויא אזוי, וויא קימין מיר זיך צו גלייכין צו אונזערע ברידער אונ שוועסטער וואס האבין פראוועס, וואס קענען זיך פריי צוזאממען קומען, פריי אויסריידין זייערע מיינונגען! וויא קימען [מיר] צו זייא? וואס בא זייא איז אפין אמת, קענען מיר דאך ניט זעהן און חלום אפילע! ניין, ברידער אונ שוועסטער, מיר קומין צו זייא, מיר קענען זיך לערנען פון זייא, מיר קענין טוהן וויא זייא, מיר קענען שטרייטין וויא זייא, וואדין בא זייא זענין אויך גיוועזין א זיינע צייטין ווען מען האט ניט גיטאורט זיך צוזאממען קלויבין, ווען מען פלעגט צומאכין פון זייא אלע טירין פין דיא הייזער אונ נוד דער בלויער הימעל אונ דיא הויכעביימער האבין ניט מורא גיהאט זיך צו צוהערין צו זייערע שטימען, בייא זייא פפלעגט מען אויך זעצין אין דיא טורמעס דיא בינטאוושטיקעס, בייא זיי פלעגט מען אייך דיא מיילער פארשטאפין אויף אייביג, אונ דאך? דאך האבין זייא זיך דערשלוגען צו פרייהייט אונ צו פארבעססערונג פון זייער לאגע, דאך האבען זייא אויסגעלערנט מאן זאל צו הערין צו זייער שטיממע, דיא וואס האבין זייא קיין מאל ניט גיהערט, דאך האבין זייא אויסגילערנט מאן זאל קוקין אויף זיי וויא אויף מענשין וואס מוזין האבין פרייהייט אונ רעכטע. אונ ווי האבין זיי דאס אלץ באקוממען? אלץ דורך שטרייט, אונ שטרייט, אונ מיט וואס פיר גיוועהר! אלץ מיט אחדות אונ ארגאניזאציע, אונ אויך [אויב] אזוי, אויב כון פינסטער קען ווערין ליכטיג, אויב נאך ווינטער קען קומען פריהלינג, אויב נאך דעם וויא גען איז טרויענדער יאהר גיוועזן אין קייטען קען מען נאך צורייסען דיא קייטין אויך, אויב נאך דעם וויא מען איז פאר-

8 פעסטונגען.

דריקט אין שווערע צאמען קען מען נאך ווערין פרייא אייך, און אויב דאס אלץ קען מען דערגרייכין דורך איינינקייט, דורך ארגאניזאציע טו לאמיר זע ברידער אונ שוועסטער, אידרין אונ קריסטען פון טיראנישען רוסלאנד, לאמיר זיך אייך נעמין צום שטרייט מיט דיא זעלבינע גיוועהר אין דער האנד, לאמיר גידענקען, אז מיר קענען זיך דערשלאגען איין גרינגערין לעבין, צו א ביסעלע פרייהייט, צו מענשליכע רעכט, לאמיר האבין פאר דיא אויגען דעם ביישפיעל פון אונזערע אויסלענדישע ברידער אונ שוועסטער, לאמיר דיא אללע וואס זענען שאן א־צט צוזאממען, וואס ווייסין שאן איצט פון אחדות אונ ארגאניזאציע, לאמיר אויסדריקין אונזערע אויסלענדישע ברידער אונ שוועסטער אונזערע איינינקייט מיט זייא, לאמיר מאכין אייך בייא זיך דעם יום טוב פון ערסטין מאי, לאמיר דערמאנען אייך א־נזערע פריע־דיגע ליידען אונ אז עס איז שאן צייט, אז וויר זאלין האבען אנשטאט ליידען פריידען, אז מיר דארפין, אז מיר קענין זיך דערשלאגין צו איין בעסערן לעבען. מיר האבין שוין איצט אפילו איין דין, נאך וועלכין דיא בעל מלאכות דארפ־ן ארביטען נאר 12 שעה אין טאג פון 6 ביז 6, א־ין דין וועלכער איז שוין ביי אונז פון יאהר 1785, מעהר וויא ה־נדערט יאהר, אבער ווער היט א־ין, ווען האט פאר איהם, ווער גידענקט דאס, ווער ווייס דאס פון דיא 431 סטאטיען, אין וועלכע דער דין איז פארהאנען. ווער ווייס דאס, ווער מאסערט דאס וועגין דעם ? קיינער ניט. אונ דעריבער, אום צו ארביטען וויינינגער דארפ־ן מ י ר זיך שטעלין דערפא־ אליין, אום צו לעבין בעססער דארפין מ־ר זיך נעמין דערפאר אללע צוזאממען. אללע צוזאמען וועלען מ־ר שוין דערהיטען, אז מען זאל האלטען דעם דין, אז מען זאל ארביטען מיט איין מאס, אללע צוזאמען וועלין מיר דערוועקין, דערמאנען, דערגריין, אז אויך דיא מאס זאל מען פערקלענערן, וויא דאס האבען דערגאנגען דיא אויסלענדישע ארבייטער. אלע צוזאמען וועלען מיר דערגיין צו אונזער ציעל, צו איין בעססערען לעבען, צו פרייהייט אונ איינינקייט. נאר אללע צוזאממען לאמער זיך נעמען צום שטרייט, לאמער אויף קיינעם ניט ווארטען, לאמער אויף קיינעם ניט האפען, קיינער וועט פיר אונז ניט קלערין. מיר האבען איין גוטען געוועהר, אחדות אונ ארגאניזאציע, לאמער זיי נעמען אין דיא הענד, לאמער ארויס אויפ׳ן שטרייט.

נור אללע צוזאממען, ברידער אונ שוועסטער
נור אללע צוזאממען ארויס פין דיא נעסט־ר
הייבט אויף נור דיא פאנע פין איין פרייערין לעבין
האלט שטרייט אום צו נעמען: אליין וועט מען ניט געבין.

איין פרייערין לעבין וועלין מיר זיך דערשלאגין
אונזערע פיינד וועלין מיר ווייט פאריאגען
מיר וועלין זיך העלפין אין אונזערע נייטין
מיר וועלין צוברעכין אונזערע קייטען.

מיר ברידער אין שוועסטער, אללע צוזאממען
וואס האבען געליטין טויזענדער יאהר
וואס האבין זיך גיקוועלט אין דיא אייזערנע צאממען
פין הונגער אונ נויט פין דור צו דור [דור].

מיר, אללע וואס בויען דיא שענסטע פאלאצין
אין וואלגערין זיך אליין וויא א נאכט ווי א טאג
מיר אללע וואס שאפען דיא טהייערסטע שאצין
אין שטארבין אליין פין צרות אונ קלאג;

מיר אללע, וואס נייען דיא טהייערסטע קלוידער
אין גייען אליין נאקיט צוריססען

מיר אללע, וואס נייען שוכווארג כסדר
אין גייען בארפיס שוך אן איין ביסען;

מיר אללע, וואס וועבין דיא ווארמסטע טיכער
אין ווערין אלליין גישוואללען פון קעלט
מיר אללע, וואס דרוקען דיא וויכסטיגסטער ביכער
אין מיזען דורכלעבען בלינד אונזער וועלט;

מיר אללע, וואס מאכען דיא גומענע רעדער
אין לויפען צו פוס אין דיא ווייטעסטע ערטער
מיר אללע, וואס שניצען דיא טהייערסטע פעדער
אין קענען ניט אויפשרייבען קיין צוויי ווערטער;

מיר אללע, וואס באקען דיא בעסטע טארטין
אין עססען אלליין פאר־שימעלטע ברויט
מיר אללע, וואס מאכען קאנפעקט אללע סארטין
אין ווייסען ניט זייער טעם ביז אונזער טויט.

מיר אללע, וואס מאכען דיא טהייערסטע שלעססער
אין האבען ניט וואס אונטער זייא צו פארשליסען

מיר אללע, וואס גיסען דיא וויין אין דיא
פעססער
אין טארען פין זייא קיין מאל ניט געניסען;

מיר אללע, אללע פערוויסטע פאריאגטע
מיר אללע, אללע פארהונגערטע פארקלאגטע
מיר אללע סטאלערעס, מיר אללע שלאסארעס
מיר אללע גאנצארעס,[9] מיר אללע מאליארעס,

מיר אללע דרוקער, מיר אללע גרעבער,
מיר אללע בעקער, מיר אללע וועבער,
מיר אללע שוסטער, מיר אללע שניידער,
מיר, מיר אללע פארמאטערטע ליידער

לאמיר זיך נעמען מיר אללע אין איינעם
אללע אין איינעם קיין פחד פיר קיינעם
אללע צוזאממען קימט ארויס אויפין שטרייט
מיר דארפען ארבעטין איין גישטעלטע צייט.

איין פרייערען לעבען דארפען מיר זיך
דערשלאגען
אונזער פיינד מוזען מיר פאריאגען,
מיר מוזען זיך העלפען אונ [אין] אונזער נייטען,
מיר מוזען צוברעכען דיא שווערע קייטען.

מיר ווילין, מיר דארפען, מיר קענען זיין פרייא,
גוט יום טוב, גוט יום טוב צום ערסטען מייא.

[דער שער-בלאט:]

# אַ רעדע אויף פּורים*

А РЕДЕ АУФЪ ПУРИМЪ

или

Рѣчь на праздникъ пуримъ

Вильна 1897

Типографія Розенкранца и Шрифтзецера
Лидскій пер., д. 2598/13.

[ווילנע 1897. דרוקעריי פון ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער. לידער געסל, נו׳ 13/2598]

## אַ רעדע אויף פּורים*

ליעבע ברידער! היינט זייט איר אללע גיוועזן אין בית המדרש. געקלאפּט המן׳ען, דיא שרייערס האָבען געהוזעט, סטענדערס און פּונקען פון דיא קינדערשע ביקסלאך זיינען גיפלייגען אין המן׳ען. עס איז אַ גילעכטער צו זאָגען, מיא הרגעט המן׳ען, וואָס איז שוין כמעט וויא דריטהאלבען טויזענד יאָהר טוידט, און מען רירט ניט אָן מיט אַ פינגער דיא הונדערטער טויזענ-טער המנ׳ס גרויסע און קליינע, וועלכע לעבען נאָך עד היום און שפּילען דיא גרעסטע ראָליע בייא אונז אין דער מלוכה און זיינען אונז און ניט אונזערע עלטערן מקצר דיא יאָהרען. און אפשר טרייסטען זיך די יודען מיט דעם געדאנקען, אז גאָט וועט זייא צו שיקען נאָך אַ אסתר און זייא וועלען זיך נוקם זיין אָן דיא איצטיגע המנ׳ס, וויא אין אחשורוש צייטען? אפשר הילפען זייא מיט דיא שרייערס אונד ביקסלאך דערשרעקען דיא איצטיגע המנ׳ס; זעהט, איר וועט סוף כל סוף האָבען המנ׳ס מפּלה? דער עולם זאָגט, אז יודען לעבען מיט בטחון אונד דאָס איז זייער ריכטיג, עס איז נאָך ניטאָ אזוינע נארישקייטען, אין וועלכע יודען זאָהלען ניט איינגלייבען, אויב זיא גיט זייא נאָר גוטע האָפענונגען.

ווען אלעקסאנדער דער דריטער איז געשטאָרבען, האָבען דאָך יודען און קריסטען געמיינט, אז ניקאָלאַי דער צווייטער וועט ניט אנדערש געבען אַ קאָנסטיטוציע. טאָמער וואָלט איהר

[9] טעפּערס.

* דער מחבר פון דער בראָשור איז לנו—שמואל גאָזשאַנסקי (זע אויבן אריינפיר צו דער אָפּטיילונג). דער שערבלאַט איז אַ פאַלשער, די בראָשור איז קאָנטיק געדרוקט אין לעמבערג; אַנטהאלט 14×10½ סענט., 24 קליינע זייטלעך. מיר דרוקן דאָ די בראָשור אָן שום קיצורים.— רעדאַקציע

גיפֿרעגט, צו וואָס זאָל ער דאָס טאָהן? וואָלט איהר קיין ענטפֿער ניט גיקראָגען. אָט אזוי ווילען זיי און גוט מיט זיי! דאָס איז א נאַרישקייט צו קלערען. וויא איהר פֿאַרשטייט, איז צווישען א קאָנסטיטוציע און א סאַמאָדערזשאַוויע פֿאַראַן א גרויסער אונטערשייד. וואו עס איז א סאַמאָ-דערזשאַוויע, וויא בייא אונז אין רוססלאַנד אָדער אין טערקייא, פֿירט דיא גאַנצע מלוכה דער קסר אַליין, ער גיט אַרויס דיא זאַקאָנעס.[1] וואו עס איז פֿאַראַן א קאָנסטיטוציע, גיט אַרויס די זאַקאָנעס א פּאַרלאַמענט, דאָס איז אַן אסיפה פֿון מענשען, וועלכע דער נאַראָד[2] קלייבט אויס אום זייא זאָלען אַרויסגעבען דיא זאַקאָנעס און השגחה געבען, אַז אַללע זאָלען איספּאָלניאַען[3] דיא זאַקאָנעס. ווען עס איז פֿאַראַן א קאָנסטיטוציע, טאָר דער קסר קיין זאַקאָנעס ניט אַרויסגעבען אָהן דיא הסכמה (סאָגלאַסיע) פֿון פּאַרלאַמענט. איצט פֿאַרשטייט איהר, אַז געבען א קאָנסטיטוציע הייסט דאָס אַוועק געבען דעם נאַראָד א טהייל פֿון דעם קסר'ס מאַכט. היינט פֿרעג איך בייא אייך, וועלכער קסר וועט דאָס אַליין געבען א קאָנסטיטוציע. א קאָנסטיטוציע גיט מען ניט, א קאָנסטיטוציע נעהמט מען, אַז דער נאַראָד (אַרבייטער, פּויערים, קליינע געשעפֿטס לייט) קומט צום שכל, דאָס ער אַליין פֿאַרשטייט זיינע אינטערעסען בעסער, וויא אַן אַנדערער, אַז ער אַליין דורך דיא אויסגעקליבענע מענשען וועט קענען אַרויסגעבען פֿאַר זיך בעסערע זאַקאָנעס, וויא דער קסר און די צלענעס פֿון גאָסודאַרסטווענעם סאָוויעט,[4] וועלכע דער קסר נאַזנאַצעט,[5] אַז דער נאַראָד פֿאַרשטייט דאָס אַלץ און פֿאַראייניגט זיך און דאָס צו פֿאָדערן, אַז ער זאָגט, אַז אויב מען וועט דאָס ניט געבען מיט גוטען, וועט ער אַליין נעהמען ביד חזקה, דאַן איז דאָך ליתּ ברירה, דאַן גיט דער קסר א קאָנסטיטוציע, ד. ה. ער ערלויבט דעם נאַראָד אויסקלייבען מענשען (דעפּוטאַטען) און זיי זאָללען אַרויסגעבען זאַקאָנעס. איצט פֿאַרשטייט זיך, ווי נאַרעש איז געוועזען בייא אונז אין רוסלאַנד צוא טראַכטען, אַז ניקאָלאַי דער צווייטער וועט געבען א קאָנסטיטוציע. נאָר יודען האָבען צו א קאָנסטיטוציע א גרויסען חשק. אין אַלע לענדער, וואו עס איז נאָר דאָ א קאָנסטיטוציע, האָבען יודען ראַוונאָפּראַוויע,[6] ד. ה. דיא זעלביגע פּראַוועס, וויא כריסטען: יודען קלייבען אויס דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט, יודען זיינען זיך אייך מתעסק אין דעם אַרויסגעבען פֿון זאַקאָנעס גלייך וויא כריסטען; יודען זיינען דאָרטען אָפֿט מיניסטאָרען און אַנדערע גרויסע לייט; היינט וויא באַלד אַזאַ קאָנסטיטוציע איז גוט פֿאַר יודען, האָבען זייא זייער איינגיגלייבט אין דעם. נאָר אין דעם האָבען פֿון דעסטוועגען ניט אַללע יודען גיגלייבט. א קאָנסטיטוציע, האָבען געזאָגט דיא אַנדערע, איז עפּעס צו האַמעטנע פֿאַר רוסלאַנד, גלייך מיט אַמאָהל א קאָנסטיטוציע!—דאָס איז עפּעס צו שווער. נאָר פֿון דעסטוועגען, האָבען זייא גיזאָגט, דאַרפֿען זיין אַללע יודען צופֿרידען פֿון אַלעקסאַנדער דעם דריטענס טוידט, ווייל וואָס, וואָס, ראַוונאָפּראַוויע וועט דער קסר געוויס געבען יודען. גאַנץ פּעטערבורג ווייס—האָבען זייא גיזאָגט—אַז ער האָט א פּלגש א יודישקינד, און זיא האָט בייא אים א גרויסע דעה, און דעריבער וועט ער יודען געבען ראַוונאָפּראַוויע. פֿרומע יודען האָבען געוויס גיזאָגט, אַז דיא פּלגש וועט זיין פֿאַר יודען אַזאַ מין אסתר, אין דיא גאַנצע מעשה איז א גוטע זאַך. זייער פֿיעל יודען האָבען גיגלייבט, אַז ניקאָלאַי דער צווייטער האָט אימענע[7] א יודישע פּלגש און אַז זיא וועט פֿאַרמאַכען דיא מיילער דיא הונדערטער טויזענדער המנ'ס, וועלכע שרייען אין איין קול, אַז מען דאַרף דריקען יודען, וויא ווייט מען קען. אין דיא עטליכע ווערטער, וואָס איך וויל מיט אייך ריידען, וויל איך אייך ערקלערען, צו קענען יודען גיהאָלפֿען ווערען בייא היינטיגען טאָג: דורך וואָס עס איז פֿאַר [illegible], וויא דהינו א יודישע פּלגש, א גוטהערציגער קסר, א מיניסטער, וואָס זאָל זיין אַן אוהב

1 געזעצן.
2 דאָס פֿאָלק.
3 אויספֿירן.
4 מיטגלידער פֿון מלוכה-ראַט.
5 באַשטימט.
6 גלייכבערעכטיקונג.
7 דווקא, באַשטימט.

ישראל און כדפה. לאָמיר בעטראַכטען, וואָס פאַר איין אונטערשייד איז צווישען די היינטיגע המנ׳ס און דעם אמאָליגען פון אחשורוש צייטען? דאַן איז געוועזען איין המן, איצט איז פאַראַן טויזענדער. נעמט יעדען רוסישען פאַבריקאַנט, יעדען רוסישען סחור [כוחר], יעדען רוסישען קרעמערל, שיינקער — איז ער אַ המן, ער וואָלט געוואָלט, וויא דער עולם זאָגט, דערטרינקען די יודען אין אַ לעפעל וואַססער. אויסער דעם געהערען צו המנ׳ס קאָמפּאַניע אַ טהייל פון די רוסישע דאָקטוירים, אינזשענערען, יוריסטען, זעמלעמעסערען[8] און אַנדערע געלערנטע „חברה״. אין אחשורוש צייטען האָבען יודען אַלזאָ געהאַט אויף זיך איין המן, איצט אַ גאַנצען קלאַסס פון המנ׳ס. וואָס האָט געהאַט צו יודען המן בן המדתא האַגגי? פון מגילת אסתר ווייסען מיר, אַז המן איז געוועזען ביי אחשורוש׳ן דער ערסטער מיניסטער, דער גרעסטער מאַן אין דער מלוכה. און עס האָט זיך געפונען אַ יוד מרדכי, וועלכער האָט איהם ניט געוואָלט אָבגעבען קיין צעסט,[9] וויא עס דאַרף צו זיין, דאָס האָט זייער פאַרדראָססען המנ׳ען און איהם האָט זיך איינגעגעבען אַרויס קריגען ביי אחשורוש׳ן אַ חתימה, אַז מען זאָל אויסהרגען אַלע יודען. צווישען די איצטיגע מיניסטאָרען וועט איהר געפינען המנ׳ס... יה, וואָס רייד איך? צווישען די היינטיגע מיניסטאָרען וועט איהר ניט געפינען איינעם, וואָס זאָל ניט זיין קיין המן, נאָר אויף דעם וואָס יודען געבען זייא ניט אָב קיין כבוד קענען זייא זיך ניט זאַלעוועען.[10] היינטיגע יודען זיינען גרייט אָבצוגעבן צעסט יעדען גאָרדאָוואָי, ווער רעדט וועגען אַ גרויסען ליט? אַזוינעם זיינען זייא געגרייט אַ קוש צו טהאָן אין האַנד, האָטשי יענער טרעט זייא מיט די פיס. אַז פאַר 2 יאָהרען איז געקומען אין ווילנא סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש,[11] דער צורר היהודים, דער וועלכער האָט זיך געשוואָרען, אַז קיין יודישע גליד וועט זיך ניט געפינען אין מאָסקווע, וואָס האָט אונגליקליך געמאַכט הונדערטער יודישע געזינטען, אַז דער הונט איז אַהין געקוממען, זיינען אונזערע יודען געשטאַנען אויף די גאַססען און געשריען „אורא!“ דער ווילנער רב האָט געוויס געמאַכט אַ ברכה אויף איהם, ער איז דאָך פאָרט פון די קייזערליכע פאַמיליע. בנאמנות, ווען מרדכי וואָלט אויפגעשטאַנען פון קבר, וואָלט ער זייא אָנגעשפייגען אין צורה. ער וואָלט געזאָגט, אַז אַ זעלכע יודען, וועלכע קענען שעטצען איצטיגע המנ׳ס, זיינען ניט ווערט צו האַלטען פון פורים. היינט אַז צו ליעב כבוד וועגען קענען די איצטיגע המנ׳ס קיין כעס אויף יודען ניט טראָגען, וואָסזשע דען האָבען זייא צו יודען? זייא האָבען צו זייא גאָר אַ נייע טענה, אַזאַ וועלכע איז אין אחשורוש צייטען ניט געוועזען. די רוסישע פאַבריקאַנטען און סחרים האָבען, פאַרשטייט איהר מיר, זייער אַ גרויסען אַפּעטיט צו אַרבייטערשע פּראַצע. זייא וואָלטען געוועלט אַז די גאַנצע סחורה, וועלכע גייט אָן אין גאַנץ רוסלאַנד, זאָל מען קויפען לויטער ביי זייא, אַז אַלץ וואָס די אַרבייטער אין רוסלאַנד אַרבייטען אויס, ד. ה. דער גאַנצער רווח וואָס שטעלט זיך אָב פון זייער פּראַצע, זאָל זיך אָבשטעלען לויטער ביי זייא. ניט קיין שלעכטער אַפּעטיט אויף נאמנ׳ת! די יודישע פאַבריקאַנטען און סוחרים זיינען אַפילו אין גלות, נאָר פון דעסטוועגען צו אַרבייטערשע אומזיסטע פּראַצע, האָבען זיי אייך גרויס חשק. זייא ווילען אייך געניסען פון דעם איצטיגען גן־עדן אויף דער וועלט: גאָר נישט טהאָן און לעבען פון פרעמדע פּראַצע. אַפילו מענשען, וואָס זיינען אין גלות, האָבען געדאַרפט טראַכטען וועגען גן־עדן אויף יענער וועלט און פון דער וועלט גאָר נישט האַלטען. נאָר וואָס טהוט מען אַז זייא האָבען פאָרט געגעססען פון עץ הדעת, און ווייסען גאַנץ גוט אַז לעבען פון פרעמדע פּראַצע איז אַסך בעססער, וויא אַליין האָרעווען און פאַרדיענען דעם ביטערען ברויט! נאָך מעהר אונזערע יודעלאַך ווייסען דעם קונץ, ווי צו לעבען פון אַרבייטערשע פּראַצע אַסך בעססער, וויא די רוסישע, זייא זיינען, וויא דער עולם זאָגט, אַלטע היינער פרעסער. דאַן ווען דער פאָניע איז נאָך געוועזען ביי זיך אין הויף, האָט געהאַט אומזיסטע קנעכט, האָט זיך וועגען קיין שום זאַך ניט געטראַכט און מעהר ניט געשפּאַרט דעם בייכל, האָבען שוין יודען

8 לאַנדמעסטער.

9 כבוד.

10 קלאָגן.

11 גרויספירשט, אַלעקסאַנדער דעם דריטנס ברודער, מאָסקעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר.

אויסגיפירט געשעפטען. א יוד קען מיט א קליינעם קאפיטאל אויסליווירען פון די ארבייטער א סך פראצע, האבען א סך פערדינסט, א יוד לאזט שטענדיג זיינע סחורה ביליגער, וויא דער רוסישער, ער קאנקורירט אויס דעם רוסישען פאבריקאנט, ער פערנעהמט זיין פלאץ. דאס קענען דיא רוסישע פאבריקאנטען און סוחרים ניט דערהאלטען. ווייסט דאס ?—זשידעס פארחעס זאללען אייך האבען אזיינע אפעטיטען וויא מיר ציסטאקראטונע[12] פראוואסלאוונע רוסישע סוחרים! און שדים ווייסען, מיר דאכט זיך, האבען דאך אייך קעפ, נאר די יודישע קעפלאך קלערען אויס פאלקאנאמערע מיטלען צו זעטיגען דעם אפעטיט וויא מיר. נאר אייב זיי וואלטען זיך גיזעטיגט זייער אפעטיט ערגעץ אויף דער לבנה, וואלט דאס אונז ניט אויסגעמאכט, פרעסט זיך אין אללע שווארץ יאהרען. אבער דער אונגליק איז, אז צו ליעב זיא יודישע אפעטיטען בלייבט דאך אונז ווייניג. ניין, דאס איז שיין א זאך, וואס קיין רוסישער סוחר קען דאס ניט אויסהאלטען, די איינגען גיססען זיך אן ביי זיי מיט בלוט פאר כעס, שאם לייפט ביי זיי פון מויל און שרייען: „גוואלד, יודען לאזען אונז ניט לעבען, דער כלל, יודען נעהמען ביי אונז צו דען לעצטען ביסען ברויט פון מויל, מען דארף יודען רודף זיין וויא וויים מיא קען, מען דארף זייא דערטרינקען, ארויסשיקען אלעמען אין ארגענטין, אדער וואו עס איז, אבי דיא אייגען זאללען זייא ניט זעהן.— דאס איז אז מען רעדט אין כעס. געלאסענערהייט חזרן זייא איבער המנס ווערטער, אבער מיט נייע פינטלאך. וואס האט המן גיזאגט אף יודען? „ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים, ודתיהם שונות מכל עם ואחד הי המלך אינם עושים“. — אידען זיינען א נארד, וואס זיינען צוויט און צושפרייט צווישען אללע פעלקער, זייערע דינים זיינען ניט וויא ביי אנדערע פעלקער און דיא קייזערליכע דינים איבפאלניאענען זייא ניט. היינטיגע המנ׳ס זאגען אויך, אז יודען זיינען צושפרייט און צוזייט צווישען אנדערע פעלקער, כדי אליין גאר נישט צו טהאן און לעבען מעהר ניט פון פרעמדע פראצע. זייא זאגען אויך, אז זייערע זאקאנעס זיינען אנדערש. נאר זייא זיינען אימענע אזעלכע, וואס ערלויבען זייא ראבעווען אללע פעלקער צווישען וועלכע זייא וואהנען, ניט נאר זייא האלטען ניט פון די זאקאנעס פון דער מלוכה, נאר זייא זיינען אללע פעראייניגט און זעהען אייס העלפען איינער דעם אנדערן אבי זיך אויסדרייען פון דיא זאקאנעס פון דער מלוכה און ווייל זיי זיינען אזיינע, ווייל אללע אידען לעבען לויטער פון פרעמדע (כריסטליכע) פראצע, ווייל זייערע זאקאנעס גיבען זייא נאך א תקף און ווייל זייא געהען הינטער אללע רוסישע זאקאנעס, דארף מען זייא האלטען פארשפארט אין דיא 25 גיבערניעס, וויא דיא מייז. און פון דיא 25 גובערניעס ניט ארויסלאזען זייא חוץ לתחום, איניוויינינג אין דיא גובערניעס אויך ארויף ליגען אף זייא אללערלייא צאמען: וויא פארווערען דינגען און קויפען ערד, פארווערען וואהנען אין דערפער, 50 וויארסט פון גרענעץ א. ד. ג. וויא באלד אז אללע אידען זיינען אזעלכע ווערדנע[13] מענשען, איז דאך נאך אלץ ווייניג, וואס מי טהוט אנטקעגען זייא. און עס גייט טאקע ניט אוועק דער יאהר, וואס אונזערע המנ׳ס זאלען ניט אויס קלעהרען אף יודען נייע בלבולים און בעטען ביי פראוויטעלסטווא נייע זאקאנעס אנטקעגען די יודען. נאר זאגט, ליעבע ברידער, וויא גיפעלען אייך אונזערע המנ׳ס ווערטער? זייא, די רוסישע פאבריקאנטען און סוחרים, זאגען, אז אללע יודען לעבען פון פרעמדע פראצע, ד. ה. איר, שניידער, שוסטער, פאפיראסען-מאכער, בארשטעל-מאכער א. ז. וו. לעבט פון פרעמדע פראצע. דאס זאגען דיא רוסישע פאבריקאנטען וועלכע שעמען זיך ניט לאזען זייערע ארבייטער צו טהאן 15 שעה אין מעת-לעת און ניט אבלאזען זייא אף זונטיג און ניט אף יום טוב. זייא לעבען פון איינענע פראצע, זייא קענען ניט זעהן, וויא יודען לעבען פון פרעמדע פראצע! גוט. איהר זייט גרויסע מענשען-פריינד. ווער רעדט? און גרויסע מענשען-פריינד הערען אויס ביידע צדדים. הערט שוין וואס מיר וועלען אייך זאגען. איהר זאגט, אז אללע יודען לעבען פון דעם רוסישען נארד. ערשטינס ניט אללע יודען. צווישען יודען געפינען זיך ביז א העלפט מענשען, וואס לעבען פון זייער איינענע פראצע. פון דער אנדערטהייל לעבען טאקע איינינע פון דיא פראצע פון דעם

12 רייגבלוטיקע.

13 שעדליכע.

די

איִדען פּראַגע

אין רוסלאַנד

פֿאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטען.

אַ הספּד,

וועלכער איז געמאַכט געוואָרען דעם 21.

אָקטאָבער 1895 יאָהר.

ГЕШПЕДЪ

ВИЛЬНА 1896.
Типографія Розенкранца и Шрифтзетцера
Лидскій пер. д. 2598/13

בראָשור „די אידען פּראַגע“ (אָדער „אַ הספּד“) געדרוקט אין לעמבערג מיט אַ פֿאַלשן שער פֿון ווילנער דרוקערײַ

א

רעדע אויף פּורים

А РЕДЕ АУФЪ ПУРИМЪ

или

рѣчь на праздникъ Пуримъ

Вильна 1897.
Типографія Розенкранца и Шрифтзецера
Лидскій пер., д. 2598/13.

בראָשור „אַ רעדע אויף פּורים“ געדרוקט אין לעמבערג מיט אַ פֿאַלשן שער פֿון ווילנער דרוקערײַ

רוסישען פויער, פון דעם רוסישען ארבייטער. אז דער יודישער פאבריקאנט האלט ביי זיך רוסישע ארבייטער, אז דער יודישער סוחר האנדעלט מיט אן ארטיקעל סחורה, וואס די רוסישע ארבייטער ארבייטען עס אויס, אז דער יודישער סוחר האנדעלט מיט תבואה, מעהל, וועלכע דער רוסישער פויער האט אויסגעארבעט, לעבט ער דורך אויס פון פרעמדע פראצע, פון דיא פראצע פון דעם רוסישען ארבייטס מאן.

אבער זאגט מיר צו דען ענטזאגט איהר זיך צו האנדלען מיט סחורה, וואס דער יודישער ארבייטער ארבייט אויס, איהר ענטזאגט זיך צו דינגען יודישע ארבייטער, וואו איר קענט איהם נאר דינגען?—אייבע ניט—אייבע איהר האנדעלט מיט טאבאקען און פאפיראסען, מיט קליידער און שיך, מיט בערשט און געוואנט, וועלכע עס ארבייטען אויס דיא יודישע ארבייטער, אייב איהר, דינגט דיא יודישע ארבייטער אף דיא פאבריקעס און צו ערד ארבייט, דאן קומט אייך אויס, אז אט דיא יודעשע ארבייטער לעבען אויך פון אייער פראצע און ניט פארקערט? איהר זאגט, אז דיא יודישע זאקאנעס ערלויבען יודען צו לעבען פון פרעמדע פראצע. נו, און אייערע זאקאנעס זאגן אייך, אז צו א מענשען געהערט מעהר ניט וויא דאס, וואס ער האט אויסגעארבייט מיט זיינע הענד, אז קיינער טאר ניט גיניסין פון פרעמדע פראצע וואס א האר איז ווערט? א? ווייזט אונז אדרבה וואו איז אייער חשן משפט מיט א זעלכע גילדערנע זאקאנעס? נוא, און אז ארבייטער ווילען טהאן מיט א שעה ווייניגער, אדער ווילען זיך העכערן דיא שכירות, אז זיי ווילען א ביסיל מעהר גיניסין פון זייער אייגענע פראצע, פון זייער אייגענע גוטס און זייא ווילען אויך פערהיטען פון דעם, אז איהר זאלט אזוי פיעל ניט לעבן פון פרעמדע פראצע, און טאקע פון דיא פראצע פון אייער אייגענעם נארד; ווער רופט דאמאלסט קאזאקען אנטקעגין די ארבייטער? ווער מאכט דאמאלסט דעם גוטען מיטאג פאר דיא קאזאצקע אפיצירען מיט פאליציע, ווע׳ גיט דיא קאזאקען אף א שנאפס, זייא זאללען בעסער איינדרייבען דיא ארבייטער דיא זייטען? דאס טהוען מעהר ניט וויא דיא יודען? און איהר ווייסט גאר ניט מיט וואס מי עסט דאס? צדקים... אין דיא פעלצען. וואלט גיזאגט אונזער יידישער גלייך ווערטעל. ווייטער זאגט איהר, אז יודען געהען הינטער (נארושאען)[14] אללע רוסישע זאקאנעס; גיהערט? מען פארשפארט 5 מיליאן מענשען אין עטליכע גובערניעס און דא לאזט מען זיי ניט וואהנען אין דיא ערטער, 50 ווערסט פון גרענעץ, מען לאזט זייא ניט דינגען און קויפען ערד, מען נעמט זייא ניט צו אין דיא גימנאזיעס (מעהר ניט וויא 10 פראצענט), און אז זיי ענדיגען א אוניווערסיטעט, טארן זייא קיין אדוואקאטען זיין, קיין קאזיענע שלוזבעס[15] טארן זייא ניט פארנעהמען—און מען וויל, אז זייא זאללען טהאן אלע פא זאקאנו?! איך וואלט געוועלט, אז מיא זאל אף א פראבע אויף אייך מאכען א זעלכע זאקאנעס, חאטשי אף איין יאהר, דאן וואלטען מיר גיזעהען, וואס וואלט איהר גיזר געען. איהר דארפט וויססען זיין, אז יודען האבען אף זיך צרות טויזענדער יאהרען, אז זייא זיינען גיוויינט גיווארען וויא עס איז צו לעבען אן פראוועס, נאר ווען ביי אייך וואלט מען מיט א מאהל צוגענומען דיא פראוועס, וויא ביי יודען, איז וועדליג, וויא איהר זייט ניט צוגיוויינט, וואלט איהר גיווארען דורך אויס גנב און גזלן. ווייטער זאגט איהר, אז אללע יודען זיינען פאראייניגט, כדי צו העלפען איינער דעם אנדערן ניט איספאלניאן דיא זאקאנעס; גלזאך קומט אויס ביי אייך, אז מיר, יודישע ארבייטער, זיינען פאראייניגט מיט אונזערע בעלי-בתים, אז מיר, יודישע ארבייטער, מאכען א סטראצקע[16] אנטקעגען אונזערע בעלי-בתים, מיינט איהר גייען ניט אונזערע בעלי-בתים אין פאליציע און זאגען, אז קיין סטאצקע איז גאר נישט דא, אז מען זאלל אונז אין דער כלל מיט א פינגער ניט אנרירען, זייא כטארעוען זיך ניט דערלאזען, אז מען זאלל אונז זעטצען אין טורמע, וויא נאכן זאקאן נאך? אזוי מיינט איהר? אייב איהר מיינט אזוי, האט איהר א גרויסען טעות. אונזערע בעלי-בתים זיינען פונקט א זעלכע, וויא איהר אליין, זייא זעהען אייך וואס מעהרער אדויס פרעסען ארבייט פון אונז, זייא זעהען אייך אונז

14 זיינען עובר; „געהען הינטער"—פונעם רוסישן обходят.

15 קרוינישע שטעלעס.

16 שטרייק.

אונטערדריקען וויא ווײַט זייא קענען, שטראפירען, אראבנעהמען פון דיא שכירות, אט פונקט וויא איהר. און טאמער חס ושלום הייבען מיר זיך אויף, מיר מאכען א סטאצקע, אזוי לייפען זייא באלד און גיבען וויססען אין פאליציע און זעהען אז מיא זאל מיט אונז דורך אויס פאכט־פאיען פא זאקאנו.[17] זייא וועלין זיך ניט שעמען רופען קאזאקען, אז מען זאל נאר זייא דאפען. און מאכען חבר־לאף מיט דיא גאנצע הינטעשע קאמפאניע, וואס קומען אײַנשטילען דיא ארבייטער מיט איין ווארט—די טבע פון יודישע קאפיטאליסטען און אײַערע איז פונקט דיא זעלביגע, און וויא איהר בעגייט זיך מיט אײַערע ארבייטער און וויא איהר קענט זיך מיט זייא פארייניגען ווייסט איהר דאך גאנץ גוט, אט אזוי קענען מיר זיך 6 פאראייניגען מיט אונזערע בעלי־בתים. סאי איהר רוסישע קאפיטאליסטען, סאי אונזערע יודישע קאפיטאליסטען בענוצען דיא זאקאנעס ווען זייא אונטערדריקען דיא ארבייטער און אונטערדריקען די ארבייטער שטענדיג, ווען זייא ווילען בענוצען דיא זאקאנעס וואס זײַנען פאר זיי גוט. איצט פרעג איך בײַא אײַך, ליעבע ברידער, צו איז פאראן אין דיא אללע ווערטער, וואס דיא איצטיגע המנ׳ס זאגען חאטשי איין ווארט אמת? צו ליגט דארטען חאטשי וואס עס איז פאר א שכל? יעדער קינד זעהט, אז דאס איז פוסטע ווערטער אן א זין, נאר ווערטער, וועלכע פארדעקען דיא גרויסע, זעהר גרויסע מײַלער פון דיא רוסישע געלד־זעק, וועלכע ווילען, אז דיא גאנצע געלד, דיא גאנצע גוטס, וועלכע דיא ארבייטער אין רוסלאנד ארבייטען אויס, זאללען אריינפאללען לויטער צו זייא אין דיא הענד, און שטייססען יעדער מענשען אב, וועלכער וויל אריינעהמען א טהייל פון דיא געלד צו זיך אין זאק. אונטער דיא ווערטער ליגט א שטרײַט צווישען געלד־זעק. מיר זאגען, אז דיא ווערטער פון דיא איצטיגע המנ׳ס איז אן א סענס, נאר צו וואס דארפען זייא די חכמות? ריידען מיט שכל, אוף ווײַזען ריכטיגע ראיות אף אידען וואלטען זייא גידאנפט דאך דאן, אז זייא וואלטען אימיצען איבערצײַגען אין דעם, אז מען דארף רודף זײַן דיא יודען. נאר דער אומגליק פון דיא יודען בעשטייט אין דעם, וואס די איצטיגע המנ׳ס דארפען דאס גאר ניט טהאן—דיא המנ׳ס אליין גיוועלטיגען איבער אונז, און טאקע לאמיר זעהען ווער גיט ארויס דיא זאקאנעס אין רוסלאנד? דער גאסודארסטוועננער סאוועט, ער באשויט [באשטייט] פון אטסטאוונע[18] גענעראל־גובערנאטארן, גובערנאטארן און אנדערע אטסטאוונע גרויסע לײַט, דאס זײַנען אלץ פאמיעס־ציקעס, זאוואדציקעס און רײַכע לײַט אין כלל, וועלכע האבען מורא פאר דער יודישע קאנקורענציע, דעריבער זעהען זייא אזוי צו שטיקען דיא יודען, אז זייא זאלען א קאפ ניט קענען הייבען, מיט איין ווארט דער גאסודארסטוועננער סאוועט באשטייט דורך אויס פון היילע המנ׳ס און דעריבער טוען זייא מיט יודען אלץ וואס זייא ווילען. און ווילען זייא טאהן מיט יודען דאס, וואס עס וויל דער גאנצער רײַכער קלאסס אין רוסלאנד, דער גאנצער קלאסס, וואס לעבט פון פרעמדע פראצע. פאר זיי לוינט ניט, אז יודען זאלען וואהנען אין רוסלאנד, און וועלען דיא יודען צונעהמען בײַא זייא א טהייל אנגיראבעוועטע ארבייטערשע פראצע, דעריבער זאגען זייא, אז יודען עקספלואטירען דעם רוסישען נאראד, דעריבער טאר מען זייא צום רוסישען נאראד ניט צו לאזען; פאר זיי לוינט ניט, אז יודען זאלען פארנעהמען שטעלען אין דער מלוכה, ווארום דאמאלסט וועלען זייערע קינדער אפט מאהל בלײַבען אן שטעלעס, דעריבער זאגען זייא, אז יודען זײַנען גנבים, אז זייא ווילען נעהמען חברה[19] און מען טאר זייא ניט גלויבען קיין שטעלע, פאר זייא לוינט ניט, אז יודען זאלען זיך באשעפטיגען מיט יודיספרודענץ (פירען דיעלעס), זאגען זייא, אז יודען נעהמען זיך צו אללערלייא לינקע גישעפטען און מי נעהמט צו בײַא זייא אט דיא פראווע. פאר זיי לוינט ניט, אז יודען זאלען זיך בכלל באשעפטיגען מיט גילערנטע פראפעססיאנען (יוריסטען, אינזענערען, דאקטויררים), ווארום דורך דעם איז גרינגער צו פארדינען א גראשען, וויא דורך אנדערע זאכען. דער הויפט ניט האבענדיג קיין קאפיטאל. זייא ווילען, אז מעהר ניט זײַערע קינדער זאלען זיך באשעפטיגען מיט דיא פראפעססיאנען, דאן וועלען זייא

17 זיך באגיין לויטן געזעץ.

18 געוועזענע.

19 געמיינט: „כאבאר״, שוחד.

בעסער פֿאַרדינען, ווײַלע עס וועט זײַן ווייניגער, דעריבער זאָגען זייא, אַז יודען איכפּאָ־צען[20] זייערע קינדער, אַז זייא לערנען זיך אין דיא גימנאַזיעס. דעריבער דאַרף מען זעהן, אַז אין די גימנאַזיעס זאָלען זיך זײַן וואָס ווייניגער יודען,—און מען נעהמט צו יעטצט אידען מעהר ניט ווי 10% א. ז. וו. אַז איהר הייבט אָן צו זאָגען: שטײַטס, אײַערע ראיות זײַנען דורך אויס אַ דומהייט, אַז איהר הייבט אָן אויף צו ווײַזען, אַז דיא רוסישע קאַפּיטאַליסטען לעבען פֿון פֿרעמדע פּראַצע אַלץ איינס וויא דיא יודישע, אַז דיא רוסישע ציניאָווניקעס[21] זײַנען כּמעט אַללע חברעניקעס,[22] אַז דיא רוסישע יוריסטען ווערען ניט מעהר מבֿיש פֿון לינקע געשעפֿטען וויא דיא יודישע, אַז איהר הייבט אָן אויף צו ווײַזען, אַז אין עהרליכקייט, אַפֿילו אין אדעלקייט שטייען דיא יודישע קינדער אין קיין פֿאַך ניט ניעדעריגער פֿון דיא כריסטליכע, אַרט דאָס זייא גאָר נישט. איר ווילט ניט, די ראיות פֿריזנאַיעט[23] איהר ניט, איז וויא איהר ווילט זיך, פֿאַר אונז זײַנען זיי ראיות; בײַא אונז אין דיא הענד איז דיא ממשלה, דאַרפֿען מיר זײַן נאַראָנים און לאָזען אײַך אַ קאָפּ אויף הייבען! און טאָמער וועט איהר אָנהייבען הויך צו שרײַען, וועלען מיר אײַך הייסען גאָר שווײַגען! אַלזאָ זעהט איהר, ליעבע ברידער, ווי ווײַט מיר האָבען זיך הײַנטיגען טאָג ניט צו פֿרייען, וויא ווײַט מיר ליגען נאָך איצט בײַא דיא המנ׳ס אין דיא הענד!— נאָר איהר קענט דאָך בײַא מיר פֿרעגען אַ קשיה, וועדליג וויא מיר האָבען דאָ ערקלעהרט, דיא שנאה צו יודען, איז דאָך דאָס מעהר ניט אַ שנאה פֿון דעם רײַכען רוססישען קלאַסס צו דעם רײַכען יודישע, דיא אַללע גזירות זײַנען דערהויפּט אַנטקעגען דעם יודישען קאַפּיטאַליסט; טאָ וואָס האָט דאָס צו אונז אַרבייטער, וואָס האָבען מיר וועגען דעם צו ריידען? זאָלען זיך שלאָגען דיא יודישע קאַפּיטאַליסטען קאָפּ אין דער וואַנד און דאָס איז ניט אונזער זאָרג. אויב איהר מיינט אַזוי, טראַכט איהר פֿאַלש.— דאָס וואָס יודען האָבען ניט קיין פּראַווע צו וואָהנען אין רוסלאַנד בעלאַנגט אַלץ איינס דעם יודישען רײַכען וויא דעם יודישען אָרימען אַרבייטער. דיא יודען זײַנען צונויף גיקוועטשט אין דיא עטליכע גובערניעס, די קאָנקורענציע צווישען דיא געשעפֿטס־לײַט איז זעהר גרויס, דעריבער פּלאַצען דיא געשעפֿטען אַללע ווײַלע; קליינע גישעפֿטען גייען אונטער פֿון טאָג, און דיא אַללע גישעפֿטסלײַטע, וואָס פֿאַרלירען זייער ביסעל געלד, וואָס טהוען זייא מיט זייערע קינדער? זייא גיבען זייא אַוועק פֿאַר בעלי־מלאָכות. דער קליינער גישעפֿטס מאַן, דער פּריקאַזציק פֿלעגט אַ מאָהל זײַנע קינדער אַוועק געבען אין גימנאַזיע, איצט אָבער, אַז מען נעהמט אין גימנאַזיע ניט צו, גיט דער אַרט מענשען אויך אַוועק זײַנע קינדער צו אַ בעל־מלאָכה.

אָט אַזוי ווערען אין אונזערע שטעט פֿיעל אַרבייטער, דיא קאָנקורענציע צווישען דיא אַרבייטער מאָדנע גרויס,—דאָס שטערט אונז צו פֿאַראייניגען זיך און אַ ביסעל צו פֿאַרבעססערן אונזער לאַגע. נאָך מעהר פֿון אַרבייטער ליידען פֿון דיא יודישע לאַגע דיא אַרבייטערקעס. אַז דעם קליינעם גישעפֿטס מאַן גייט נישט קשה זיינען בײַא דיא טעכטער בעלי־בית־טעש אין שטוב: ער לערנט זייא, אמת, וואָס עס איז פֿאַר אַ טאַלענט, נאָר זיך גלאַט אַזוי צו די בעלי־ביתישקייט, אָבער ניט אויף צו פֿאַרדינען. אָבער אַלזאָ וויא דיא יודען זײַנען צוזאַממען גישפּאַרט דאָ אין דיא עטליכע גובערניעס, גייט דאָ דיא קליינע גישעפֿטסלײַט זעהר שלעכט. אמת, אומעטהום איז זייא ניט גוט, אומעטהום קאָנקורירען מיט זייא דיא גרויסע פֿאַבריקאַנטען און סוחרים, נאָר אין ערגעץ איז דיא קאָנקורענציע ניט אַזוי וויא דאָ, וואו יודען וואָהנען; דעריבער ווערען זייא אין ערגעץ ניט אַזוי צוקלאַפּט וויא דאָ; און אַז דעם קליינעם גישעפֿטס מאַן גייט שלעכט, שיקט ער זײַנע מיידלאַך אויך האָרעווען, אָט איז די פּריצינע[24],—פֿאַר וואָס בײַא אונז אין דיא יודישע שטעט זײַנען פֿאַראַן אַזוי פֿיעל מיידלאַך, וואָס זײַנען גערן צו קריעגען אַרבייט; אָט איז דיא

---

20 מאַכן קאַליע.

21 מלוכה־באַאַמטע.

22 כאַבאַרניקעס.

23 אָנערקענען.

24 סיבה.

פריצינע פֿאַר וואָס מיידלאַך און איבערהויפּט אַזיינע, וואָס קענען קיין טאַלאַנט[25] ניט, וויא קאַנדאַרשציחעס [?], קאָנהיע מען מאַכערקעס און כדומה, איז זעהר שווער צו שטרייטען אַנטקעגען זייערע בעלי-בתים; עס איז פֿאַראַן הונדערטער, וואָס פֿאַר זיי איז 25 קאָפּ. אַ וואָך פֿאַרדינען אַ גליק. ווען יודען וואָלטען גיהאַט פּראַווע צו וואָהנען אין רוסלאַנד,—וואָלט דאָ אַזאַ כּבּיסק[26] ניט גיווען, וואָלט דאָ גיוועזן ווייניגער, וואָלט זייערע ברידער גיווען בעסער. אמת נאָכן רוסישען זאַקאָן האָבען יודישע אַרבייטער פּראַווע וואָהנען אין רוסלאַנד, נאָר אַז אָך און אַז וועה צו אַזאַ פּראַווע, אַז וויא נאָר דער אַרבייטער טהוט ניט, אָט אַזוי האָט מען איהם פּראַווע אַרויס צו שיקען. שטעלט זיך פֿאַר אַ יודישע אַרבייטער קומט אין רוסלאַנד און שטעלט זיך טהאָן ביים בעלי-בית. וויא ער צו קריגט זיך נאָר מיט איהם, אָט אַזוי קען ער איהם ענטזאָגען און גלייך געבען צו וויסען וועגען דעם אין פּאָליציע און דעם יודען שיקט מען אַרויס. אַז דער יודישער אַרבייטער גייט אָן אַרבייט קען זיך שווין צו איהם צו צעפּען יעדער גאָרדאָוואָי און עם אונגליקליך מאַכען, אַ פֿיינע פּראַווע, אמת! קיין בעסערע זאָלען אונזערע המנ'ס קיינער ניט האָבען! פֿאַרשטייט זיך, אַז דיא יודישע אַרבייטער פֿאָהרען ניט פֿון דאַנען אין רוסלאַנד און שטיקען זיך אַלע דאָ; פֿאַרשטייט זיך, אַז אַלערליי גזרות אויף יודען דריקען דעם יודישען רייכען קלאַסס אויך, אָבער ער קוועטשט זייא מעהר ניט צו און דעם אַרבייטער דערשטיקען זייא אין גאַנצען. דער יודישער רייכער קלאַסס איז ניט אַזוי רייך, ווי ער וואָלט גיקענט זיין, ווען ער וואָלט גיהאַט אַלע פּראַוועס. דיא איצטיגע המנ'ס וואָס גיוועלטיגען איבער אונז נעהמען צו ביי דיא רייכע יודען אַ טהייל פֿון זייערע גוטס, אָבער ביים יודישען אַרבייטער נעהמען זייא צו פּשוט דעם לעצטען ביסען ברויט פֿון מויל. אומעטהום איז דעם אַרבייטער ניט גוט. דאָ אין ליטא און אין פּוילען איז דעם יודישען אַרבייטער אַזוי שלעכט, ווי אין קיין אָרט ניט.—דאָס, וואָס יודען טאָרען ניט פֿאַרנעהמען קיין שטעלען אין דער מלוכה, איז אויך ניט גוט פֿאַר יודען אין כלל און פֿאַר דעם יודישען אַרבייטער אין פּרט. נעהמט דיא אַלע ציינאָווניקעס, וואָס גיפֿינען זיך דאָ אין אונזערע קאַנטען, זייא קענען קיין יודען ניט אָן זעהן און שטיקען אַ יודען וויא ווייט זייא קענען—פֿאַרשטייט זיך אַז אַ יוד האָט אַ גישעפֿט מיט אַ כריסט, זיינען שטענדיג דיא כריסטען גירעכט, אַז דעם יודען קומט אויס זיך צו אָבראַשצאַיען[27] צו אַ רוסישין ציינאָווניק, מיט וואָס פֿאַר אַ כּעס קוקט יענער אַפֿין יודען, ריכטיג, ווי יענער וואָלט גיוועזן זיינער אַ קנעכט. און פֿון דעם לייט דער יודישער אַרבייטער, ווי דער אָרימאַן אין כלל, מעהרער ווי דער רייכער מענש. יענער גייט שענער אָנגיטהאָן, רעדט רוסיש, באַגייט מען זיך מיט איהם פֿאָרט בעסער. יע, אַלע גזירות אַף יודען אין כלל בעלאַנגען דעם יודישען אַרבייטער און נאָך אָפֿט מאָהל דריקען זייא איהם צו אַסך מעהרער ווי דעם רייכען קלאַסס מענשען.—איצט, ליעבע ברידער, קומט פֿאַר אַזאַ קשיה. צו עס וועט קיינמאָהל ווערען אַ ענדע צו דיא יודישע צרות! צו וועט אַ מאָהל זיין אַזאַ צייט, אַז יודען וועלען האָבען דיא זעלבע פּראַוועס אין רוסלאַנד, ווי אַלע איבעריגע? צו וועט נעהמען אַ ענדע צו דער צו, אַז המנ'ס זאָלען האַלטען דעם שיקזאַל פֿון אַלע יודען ביי זיך אין דיא הענד? אַז זייא זאָלען איבער אונז גיוועלטיגען און מיר יודען זאָלען זיין כצאן לטבח יובל (וויא שעפּסלאַך, וואָס מען פֿירט שלאַכטען) און אייב עס איז פֿאַראַן אַזאַ גאולה פֿאַר יודען, אייב זייא וועלען זיך אַ מאָהל אויסלייזען פֿון דיא המנ'ס הענד, טאָ פֿון וואַנען דאַרפֿען זייא וואַרטען אויף דיא גאולה? מיר האָבען גיזעהן, אַז אַ מאָהל האָט אַ יודישע פֿרוי מציל גיוועזן אַלע יודען פֿון המנ'ס הענד. יודען האָבען זיך דערפֿרייט און גימאַכט אַ י"ט [יום-טוב]. אין גרונד ריידענדיג האָבען זיך דיא יודען ניט געהאַט וואָס צו פֿרייען. צו דאָס ווערט אָנגירופֿען אויסגעלייזט, אַז אחשורוש האָט זייא גילאָזט לעבען, ווייל איהם איז אסתר זעהר גיפֿעלען? מיר האָבען גיזעהן, אַז אחשורוש איז איין מאָהל גיוועזן שיכּור, איז ער אין כּעס גיוואָרען אַף ושתי, און האָט איהר גיהייסען הארגענען; מיט וואָס זיינען יודען דאַמאָלסט גיזען

---

25 געמיינט: אַ קוואַליפֿיצירטער פֿאַך.

26 שטיקעניש, ענגעניש.

27 ווענדן זיך.

באַזיכערט אַז אַחשורוש וועט ניט ווערען נאָך אַ מאָל שיכּור און ניט וואַרפֿען איין אום חן אַף אסתּרן און וועט הייסען צוליעב דעם אויס הארגענען אַלע יודען? מיט וואָס זײַנען יודען גיוועזען באַזיכערט, אַז אין אַ צײַט אַרום וועט זיך ניט געפֿינען אַ נײַער המן, וועלכער וועט צוליעב וואָס עס איז פֿײַנט קריגען יודען און וועלכער וועט זײַן אָנגינומען בײַן קיסר און דעריבער וועט ער צוריידען אַרויסגעבען אַף יודען נײַע גזירות? ניין, די גאולה, וועלכע איז פֿאָרגיקומען פֿאַר יודען אין אַחשורוש צײַטען, איז ניט גיווען קיין אמת׳ע גאולה, אַלע מאָהל איז אַחשורוש גיווען אין שטאַנד אונגליקליך מאַכען יודען, און יודען וואָלטען אַליין דורך זייער אייגענע מאַכט ניט גיקענט באַשיצען זייער לעבען, זייער פֿרײַהייט, נאָר פֿון דעסטוועגען האָט דאַן פֿאָרט אסתּר גימאַכט פֿון דעם יום אבל (אַ טאָג פֿון גיוויין) אַ יום שמחה (אַ טאָג פֿון פֿרייד). צו איז דאָס מיגליך, אַז יודען זאָלען צוליעב וואָס עס איז פֿאַר אַ צופֿאַל קריגען ראַוונאָפּראַווויע, ד. ה. אויף הערען צו געפֿינען זיך בײַא די ה״ג׳ס אין די הענד? מיר האָבען גיזעהן, אַז אין אַחשורוש צײַטען האָט געטראָגען אַ כּעס אַנטקעגען יודען איין מענש. עס איז גיווען גענוג איין מענשען פֿאַרפּאַצקען בײַא אַחשורוש׳ן אין דיא אויגען און דיא גאולה פֿאַר יודען איז שוין גיווען פֿאַרטיג. איצט אָבער האָבען מיר גיזעהן, אַז אַ שנאה אַנטקעגען יודען טראָגט אַ גאַנצער קלאַסס מענשען, דער גאַנצער קלאַסס, וואָס לעבט פֿון פֿרעמדע פּראַצע. מיר האָבען אַרויסגיזעהן, אַז דער קלאַסס פֿירט דיא גאַנצע מלוכה, אַז דער גאָסודאַרסטווענער סאָוועט, דיא מיניסטאָרען גיהערען דורכאויס צו די״ם קלאַסס מענשען, אַז זייערע מיינונגען, זייערע אינטע. עסין זײַנען זײַנע אינטערעסין; איז שאָהן מיגליך אַז אַ מיניסטער, אַ נוט הערציגער קסר, אַ פּלגש, אַ יודיש קינד זאָל קענען פֿאַרבעסערן דיא לאַגע פֿון יודען? און ווי באַלד אַז אויף אַ זעלכע ניסים קענען מיר ניט האָפֿען, טאָ וואו איז פֿאָרט די גאולה פֿאַר יודען? אין אויסלאַנד זײַנען אַ מאָהל יודען גיווען אַזוי אין גלות וויא דאָ אין רוסלאַנד. דאָרטען האָבען יודען אויך ניט גיהאַט קיין פּראַווע צו וואָהנען אומעטהום, נאָך מעהרער: אין דיא שטעט, וואו זיי האָבען שאָהן יע גיוואָהנט, האָבען זייא אויך גיהאַט נאָר דיא פּראַווע צו וואָהנען אַף איינינגע גאַססען און אַף אַנדערע ניט. אין דער אייגענער פֿראַנקרײַך, וואו עס גיבט הײַנט יודישע מיניסטאָרן, האָט מען אַ מאָהל יודען גאָר אין גאַנצען אַרויסגעטריבען פֿון דעם לאַנד. אין דער זעלביגער איינגלאַנד, וואו אַ יוד איז גיווען אַ מיניסט־פּרעזידענט, האָבען יודען אַ לאַנגע צײַט גאָר קיין פּראַווע ניט גיהאַט צו וואָהנען. דיא לאַגע פֿון יודען האָט זיך אין גאַנץ אויסלאַנד געביטען דאַן, ווען עס האָט זיך גיביטען דיא לאַגע פֿון גאַנצען נאַראָד, דאַן ווען דער נאַראָד האָט זיך אַליין דערשלאָגען צו אַ קאָנסטיטוציע, דאַן ווען דער נאַראָד האָט אַליין אָנגיהייבען איבער זיך גיוועלטיגען, ווען דער נאַראָד האָט זיך דערשלאָגען צו אַ פּאַרלאַמענט, האָבען יודען באַקומען גלײַכע פּראַוועס מיט אַלעמען. יודען האָבען אין איינעמען מיט אַלעמען גיפֿירט אַ שטרײַט, כּדי זיך צו דערשלאָגען אַ קאָנסטיטוציע, דעריבער איז לײַכט צו פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס זײַנען פֿון זיי אַראָב גיפֿאַלען דיא קייטען פֿון גלות, ווי דער נאַראָד האָט זיך בעפֿרײַט. דער איינציגער קלאַסס, וועלכער פֿאָדערט און וואָס ווײַטער וועט אַלץ מעהרער פֿאָדערן קאָנסטיטוציע, ד. ה. פֿרײַ זיך אויף קלײַבען, פֿרײַ ריידען, פֿרײַ דרוקען, אַליין אויסקלײַבען געזעטץ־געבער, ד. ה. דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט אין רוסלאַנד — זײַנען דיא אַרבייטער. דער רוסישער רײַכער קלאַסס האָט אין גרונד דיא אַלע פּראַוועס: זיי קענען זיך פֿרײַ אויף קלײַבען, פֿרײַ דרוקען, פֿרײַ שרײַבען, זיי זיטצען אַליין אין גאָסודאַרסטווענעם סאָוועט און פֿירען דיא גאַנצע מלוכה; הײַנט פֿאַרשטייט זיך, אַז זיי פֿיהרען דיא מלוכה, זעטצט מען אַרײַן אַן אַרבייטער פֿאַר אַ סטאַצקע אין טורמע, צאָהלט דער אָרימער פּויער פּאָדאַטקעס 10 מאָהל אַזוי פֿיעל, וויא דער רײַכער מענש. אַז זיי פֿיהרען דיא מלוכה, ערלויבען זיי ניט אַרויסצוגעבין קיין צײַטונגען וואָס זאָלען ערקלעהרען דיא אַרבייטער זייערע אינטערעסען. אַז זיי פֿיהרען דיא מלוכה, זעהען זיי דעם נאַראָד צו האַלטען אין דומהייט און געפֿינען אַז מעהר ווי בײַא דיא פּאָפּעס קען דער נאַראָד ניט געפֿינען בילדונג און קיין אַנדערע בילדונגס־טרעגער לאָזען זיי צום נאַראָד ניט צו. די רוסישע אַרבייטער, אַלץ איינס ווי דיא יודישע און פּוילישע, פֿאַראייניגען זיך יעטצט אַנטקעגען זייער נאָהענסטען שונא, אַנטקעגען זייערע בעלי־בתּים, זייא שטרײַטען מיט זייא, כּדי עטוואָס צו פֿאַרבעסערן זייער לעבען, פֿאַרקירצען דעם אַרבייטס־טאָג, העכערן דיא

שכירות א. ז. וו. אבער וואס זייער שטרייט וועט זיך פארגרעסערן, וועט זייא אלץ זיין נייטיגער דיא פרייהייט צו מאכען כטאצקעס, מאכען סאבראניעס,[28] קאססעס, פריי דרוקען ביכלאך, כדי צו ערקלעהרען דיא ארבייטערס אינטערעסען און דאס קענען דיא ארבייטער באקוממען נאר דאן, אז ניט א הייפיל רייכע לייט וועלען איבער זיי געוועלטיגען, נאר אז זיי וועלען אליין האבען א דעה איבער זיך. מיט איין ווארט, אללע ארבייטער סאי יודען, סאי כריסטען וועלען מוזען סוף כל סוף האבען א קאנסטיטוציע, און אללע ארבייטער אין איינעם אין גאנץ רוסלאנד זיינען א גרויסער כח. וואס אללע ארבייטער, פאראייניגטע ארבעטער, וועלען פאדערן, וועט מען זיי מוזען געבען, אלזא וועלען זיך דיא ארבייטער דורך אחדות סוף כל סוף דערטלאגען זיך א קאנסטיטוציע אין רוסלאנד.—אין אין דעם זעלביגען טאג, וואס די סאמאדערזאוויע אין רוס־לאנד וועט פאלען, וועט אויך פאלען דער יודישער גלות, אין דעם זעלביגען טאג וועלען יודען באקומען ראוונאפראוויע. דער רוסישער אדער דער פוילישער ארבייטער מאכט ניט קיין אונטערשייד צווישען יודען און כריסטען. אללע קאפיטאליסטען, סאי יודען, סאי כריסטען זיינען זייערע שונאים, אללע ארבייטער, סאי יודען, סאי כריסטען זיינען זייערע ברידער. מיט איינע פאראייניגט ער זיך, מיט דיא אנדערע שטרייט ער. אז עס מאכט זיך א סטאצקע ביי קריסטען, העלפען אויס יודען. אז עס מאכט זיך א סטאצקע ביי יודען, העלפען אויס ארבייטער כריסטען. דיא קאנסטיטוציע, וועלכע ארבייטער וועלען זיך דערשלאגען, וועט ניט מאכען קיין אונטערשייד צווישען יודען און כריסטען.—אלזא, ליעבע ברידער, אין דער מאכט פון אלע פאראייניגטע ארבייטער ליגט די גאולה פאר אלע יודען. דעריבער, ליעבע ברידער, דארפען מיר זעהן וואס מעהרער צו פאראייניגען אונזערע ארבייטער, צו פארשפרייטען צווישען זיי דעם פארשטאנד פון זייערע אינטערעסען. מיר דארפען זעהן, אז דער יודישער ארבייטער זאל אנהייבען צו קוקען אף זיך, ווי אויף א מענשען, אז ער זאל אנהייבען צו פארשטיין, אז דיא פאראייניגטע יודישע ארבייטער זיינען א כח, אזא כח, וועלכער וועט זיך סוף כל סוף פאראייניגען מיט די רוסישע און פוילישע ארבייטער אין רוסלאנד און דערשלאגענדיג זיך פרייהייט פאר אללע ארבייטער, וועט ער אויסלייזען די יודען פון דיא המנ׳ס, וועלכע געוועלטיגען איצט איבער אונז און ער וועט זיין דער גואל פארן גאנצען יודישען פאלק!

# א וויכוח וועגען מזל.*

ש מ ע ו ן: דו זאגסט, אז עס איז פאראן א סגולה צו אונזערע צרות... אי ברודערקע!... דו ווילסט זיין קליגער פין דער גאנצער וועלט, וואס טויג דאס די חכמות! מיר זענען געווען ארימע לייט און מיר וועלען בלייבען ארימע לייט. קיק זיך איין, אז ווער עס האט מזל, דארף קיין שום קינצען ניט אין פארקעהרט, ווערהמען עס איז באשערט, אז עס זאל איהם זיין שלעכט—איז חאטשי צעררייס זיך. וואס די ווילסט זיך מאכען בעסער, קומט נאך ארויס ערגער, זעה, למשל, דער בעוואוסטער באנקיר ב. אלע ווייסען, אז ער איז געווען א משרת אין דער טאטע זיינער א פוהרמאנן, נו און אז גאט ווילל, פיהרט ער איצט דעם גאנצען רעדיל. מיין טאטע, עליו השלום, איז געווען אויפגעטראגען מיט זיין טאטין וויא להבדיל בין חיים למתים, נו׳ זאג איך דיר דארף מען עפיס האבען חכמות? אדער לאמיר אנחאפען דעם בעוואוסטען אדוואקאט וו.! פרעג דיך ביי יעדער עלטערען מענשען, וועט ער דיר זאגען, אז ער איז געווען א קבצן,

---

28 פארזאמלונגען.

* דער מחבר פון דער בראשור איז ל נ ו — ש. ג א ז ש א נ ס ק י. פון די גאר ערשטע בראשורן, אין א געדרוקטער פארם האט דערשיינט 1896, אפשר אנהייב 1897. זי איז אויך געווען געדרוקט אין ל ע מ ב ע ר ג און געהאט א פאלשן ער־בלאט פון א ווילנער דרוקעריי. מיר דרוקן איבער (מיט קליינע קיצורים אין אנהייב) פון דער אויסגאבע, וואס איז ארויס אין לעמבערג פאר גאליציע (זע אונדזער ארייגפיר צו דער אפטיילונג) אן א הילע.—ר ע ד א ק צ י ע.

א שרייבער׳ל אין איצט גיב אקיק וואס פאר א פוריק ! פארקעהרט זעה ווי פול קאנטשעניען[1] א י צ ט ע ר יוריסטען אין געהען אָן שטיוועל ?

ז ר ח : אויף נאמנות, מיר האט זיך אנגעהויבען צו וועלען האבען מזל. מזל איז דאך דיא בעסטע זאך אויף דער וועלט : געוועזען א משרת אין איצטער א באנקיר, וואס פערמאגט זיינע אייגענס א מיליאן רובול ! פון א שרייבערל געוואָרען א בעוואוסטער אדוואקאט וו. וואס האט א מויער אויף דריי גאססען. נאר איין זאך קומט ביי מיר אויס קרים ; וואס איז דיא מעשה, וואס אלע מזלדיגע מענשען זענען אזעלכע נאראָנים ? וואס דארף למשל אזא ב. האלטען א קאנטאר. ווי באלד ער האט זיך נאר ערקונדיגט, אז ער איז א מזלדיגער מענש, האט ער נעדארפט אוועג לייגען די הענד אין די קעשענעס אין ווארטען אויף מזל-ברכה. חלעביך, וואס דארף ער טאקי דרעהען דעם מוח אין טראכטען וועגען הלוואות, פראצענט אין נאך אזאלכע זאכען ? א מענש, וואס האט אי געלט, אי מזל — האט שוין מעהר קיין שום זאך ניט געדארפט טאָהן.

ש מ ע ו ן : מ״מ דאס איז דאך, האט מיר קיין פעראיבעל ניט, גאר קינדעריי... יעדער קינד פערשטעהט, דאס אויב ב. וואלט נאר נישט געטאהן מיט זיין קאפיטאל, וואלט ער איהם ביסלעכווייז אויפגעגעסען, אבער דיא גאנצער קינץ איז ווי קומט א משרת׳ל צו אזוי פיל געלט ? אויף צו עפענען א באנק, אדער א שרייבער׳ל צו א הויף אויף 3 גאססען ?

ז ר ח : גאט צו דאנקען ! אבי איין זאך ביסט דו מיר מסכים, אז ווען ער וואלט מיט דעם געלט גאר נישט געטאהן, וואלט פון זיי גאר נישט ניט געווארען, ד״ה אז געלט מעהרט זיך ביי א מענשען ניט צוליעב מזל, נאר צוליב אנדערע פריצינעס אדער אורזאכען.

ש מ ע ו ן : חאפ-שזע ניט ! דאס האב איך גאר ניט געזאגט אין אפילו ניט געמיינט צו זאגען, ווארום וואס איז עס, מיר זעהען דען ניט מענשען, וואס האבען געהאט געלט אין וואס האבען א מאהל געשפילט א ראליע אין היינט זענען זיי אביונים ? איז דאך א סימן, אז צו געלט דארף מען נאך האבען מזל אויך, אז געלט אָן מזל טויג ניט.

ז ר ח : זעהסט דו דאס איז טאקי ווערטער, נאר פון דעסטוועגען וואלט איך ביי דיר געפרעגט איין זאך : זאג אויף א צרקאוועס קענסט דו אליין אדער אפילו צי האסט ז ו ר געהערט, אז גרויסע גבירים זאלען ווערען אביונים ? אדרבה זאג.

ש מ ע ו ן . פסח דער לעכטציעהער, חיים-דוד דער בעל אכסניה, זאוועל... דאס איז טאקי מערקווירדיג אין אויף דעם בין איך אויך, אויף נאמנות, קיין מאל ניט געפאלען, אט די אלע מענשען, וועלכע איך געדענק, זענען אלע געוועזען בעלי-בתים אין אנדערע שאָהנע בעלי-בתים, אבער אלע ניט קיין גבירים.

ז ר ח . הערסט דו, דאס איז די גאנצע קינץ, פון גרויסע גבירים ווערען קיין מאל קיין ארימע לייט ניט, פון בעלי-בתים — יע. אין טאקע ווי אזוי קען א גביר ווערען א-נ-ארעם מאנן : עס טרעפט זיך ביי איהם א נאָשזאר ?[2] איז דאך ביי איהם ד״א מינסטע האאר פערסטראכיר[3] ...ין אז דער עולם זאגט, אז נאך א שרפה ווערט מען רייך איז דאס טאקי זעהר ריכטיג. נאך ...פאָשזאר נעהמען אב די גבירים סאראנקס[4] אסאך מעהרער ווי זייער שאדען איז געוועזען, זיי ווערען אויף זייער אבקומענים ניט געזינט, חאפט זיי אויך דער קלאָג ניט. זאָ [זיי] מעגען זייער גאנצען לעבען קרענקען, פערקרענקען זיי אלע ניט זייערע קאפיטאלען. עס הערט זיך ניט, אז גבירים זאלען צוליעב א קרענק ווערען ארימע לייט, עס טרעפט זיך, אז זייערע געשעפטען געהען ניט גוט, אבער די גרויסע גבירים האבען שטענדיג עטליכע געשעפטען : אז איינער געהט שלעכט, געהט דער אנדערער גוט. אט גיב א קיק, פאר אפאר יאהרען האט אנגעמאכט אקאך צווישען אונזערע אידין דער באנקראט פון באראן גינזבורג, נאר פון דעסטוועגען, הלוואי פערמאָגען דאס הונדערט אידען אין אפשר טאקי די גאנצע טויזענט, וואס ער פערמעגט נאך ביי ה י י נ ט י ג ע ן

1 ענדיקן.
2 א שרפה.
3 פאַרזיכערט.
4 אַסעקוראַנץ.

טאָג, ווארום פאר וואס האט ער געבאנקראטירט? ווייל אויף דער בערזע האט זיך איהם דער שפּיל ניט איינגעזעהן, אבער אויסער די פּרנסה כון בארז האט ער אייגענע הייכער, הייזער אין נאך אנדערע געשעפטען, די גוטע געשעפטען האבען פערדעקט די שלעכטע אין ער איז ווייטער באנקיר ווייא געהעזען אין בכלל איז זיי היינטיגע צייטען ניט דא אזעלכע נאראָנים, וואס זאלען באנקראט־רען און פאר זיך [גאר] נישט ניט לאזען. די גבירים ווייסען גאנץ גוט, ווען עס הייבט זיי אָן צו געהן מיט די פּיטער אראָב אין זעהען זיך צו פערזיכערען, אז אחר־המעשה, ד. ה. נאכין באנקראט זאלען זיי ניט בלייבען ביי גאר נישט. כוהרים האלטען, אז איינער האט עטליכע מאָל געבאנקראטירט, איז דאס אסימן, אז ער איז אגביר, ווארום זיי ווייסען פין אייגענע פראקטיקע, אז צו אַנ־אַנזעק לייגט מען ניט צו.

שמעון. טאקי אמת, מילא די גבירים האבען מיר שוין פערזארגט, דער קלאָג חאפט זיי ניט, קיין ארעמע לייט ווערען זיי ניט, אבער פון דעסטוועגען זעהען מיר דאך, אז עס א־ז פאראנען גבירים, וואס ווערען רייכער און ארימער. צי, וואס ווערסט דו מיר אפשר אבלייקענען, אז דאס ווענט זיך ניט לויטער אָן מזל? אין סתם וואס איז דער טייטש אָרעם און רייך? ביי אונז האלטין מיר פאר ארעם דעם, וואס האט ניט דעם שייטעל האלץ צו קויפען אויסצוהייצען זיין פינסטערין קבר אין אברענענדיגען פראסט, בייא די גבירים הייסט ארעם, אז עס איז ניט דא קיין שאמפאניער צום מיטאג...

...זרח. העד זיך אבער צו מיט אקלאהרע קאפּ. דו האסט געוויס געזעהן אגוטע פערטשעוועט פענכער, עס איז פאראן אזעלכע וואס קינדער שפּילען זיך מיט זיי: זיי האבען האָלט צו קיקען ווייא זייא פענכערס בלאזען זיך אָן און דער נאך ווערען זייא צוזאממען געקוועטשט, וואס דאס קינד שפּילט זיך מעהרער מיט דעם פענכער (ער בלאָזט איהם אלץ אָן) פערליהרט ער אלץ מעהר זיין פעהיגקייט אנצובלאזען זיך ביז וואנען דער פענכער קימט צו אזא צושטאנד, אז דאס קינד גיט איהם א בלאָז און דער פענכער פלאצט, ווייל ער קען זיך נישט מער אויסציעהען, דאס איז דער משל. דער נמשל דער פון איז דאס, אונזער הארץ איז אויך אַנ־ארט פענכער געבוריט נישט פין גוטאפערקאָ, נאר פין פלייש, דאס לעבען פין אונזער הארץ בעשטעהט אין דעם, וואס סי ווערט אויך אלע רגע אויסגעצויגען אין צוזאממען געקנייטשט, אין אויף אזא אופן ציהט זיא אריין אין טרייבט ארויס פון זיך דאס בלוט, אונזערע אָדערען זענין אזעלכע רוהרקעלאך, אין וועלכע עס פלאצט אונזער בלוט, די רוהרקעלאך ווערען אויך אללע רגע צוזאממען געקנייטשט (דאס פיהלען מיר, אז מיר טאפּען אָן דעם פולס). אויצט שטעל זיך פאר, אז מיר דאס הארץ אדער וואס עס איז פאר אַנ־אדער פערלירט אין וואס עס איז פאר אַנ־ארט ביסלאכווייז די פעהיגקייט זיך פון אנדער צו בלאזען, דאן מוז דאך דאס הארץ אדער דער אָדער קומען צו אזא שטופע, אז ווייא נאר דאס בלוט גיט אין דעם אָרט א שפאר, אָט אזוי פלאצט דאס הארץ אדער דער אָדער, אין דער מענש שטארבט אין אויגענבליק. דאס, וואס דאס הארץ אדער דער אָדער פערלירט די פעהיגקייט זיך פין אנדער צו בלאָזען, פיהלט דער מענש נישט. אין דער צייט, וואס בייא איהם קומט פאָר אשינוי [שינוי] אין זיינע אינעווייניגסטע אברים, פיהלט ער זיך פאָלקאָם געזונט; אמאל קען ער פיהלען א ווייטיג אין קאפּ. אבער ווייא איז דאס פאראן א מענש, וואס זאל קיין מאל קיין שום ווייטיג נישט פיהלען, ווען עס פלאצט אַנ־אָדער וואס פיהרט דאס בליט צו דעם מארך? דאן זאגט מען, אז דער מענש האט געקריגען פּאָפּלעקסיע. זינט מען פּאלמעסט מענשען, האט מען נאך קיין מאל נישט געפינען, אז בייא א מענשען זאלען זיין געזונט אלע אינעווייניגסטע אברים: דאס הארץ, דיא לינג אין לעבער, דער מאָגען, דיא קישקעס וכדומה—אין ער זאל פלוצלינג געשטארבען (דא, פערשטעהט זיך, רעדט איך ניט וועגען דעם, אז מען הארגעט א מענשען), אלזא, איז מעהר נישט דיא אונוויסענדע מענשען קענען זאגען, אז דער מענש איז פלוצלינג געשטארבען, אבער אין דער אמת'ן איז דאס הארץ אדער דיא אָדערין פריהער שוין געווען קראנק, נאר דער מענש האט דאס פריהער נישט געפיהלט אין ווען דיא קרענק האט זיך ענטוויקעלט ביז א בעשטימטע שטופע, דאנן איז ער געשטארבען. ווען עס וואלט געווען מעגלאך אריין קריכען צום מענשען אין הארצען בעת ער לעבט, וואלט מען געקענט פריהער וויסען, אז דער מענש וועט שטארבען פלוצלינג. נאר געוויס

וועלכער דאך פרעגען, פאר וואס בייא אנדערע מענשען פערליערען דאס הארץ אדער א-נ-אַדער דיא פעהיגקייט זיך פין אנדער ציא בלאָזען אין צוזאממען צי קוועטשען? דאס קומט ארויס פין פיעל פריצינעס: ערשטענס, פין שיכרות, דאס זאראזעט[5] אונזער בליט אין וויא באלד דאס בליט איז זאראזעט קען עס נישט רעגולירענע ערנעהרען דיא אברים, ווערט פין דעם אפט זאראזעט, וואס עס איז פאר א-נ-אבר (דאס הארץ אדער דיא אָדערען פערליערען, וויא מיר האבען פריהער געזאגט, דיא פעהיגקייט פין אנדער צו בלאזען זיך). צווייטענס, קומט דאס ארויס פין הולטאַי-סטווע (בייא דיא מענשען, וואס האלטען נישט דאס גיבאט: לא תנאף), דאס קען אויך ארויס קימען פין דעם, וואס מען הארעוועט צופיעל, דיא אָדערין אין דאס הארץ שטרענגען זיך אָן צופיעל אין דעראיבער פערליערען זיי דערנאך דיא פעהיגקייטען פין אנדער צי שפרייטען זיך, ווייטער בייא אלטע לייט קען דאס אויך ארויסקומען זעהר אפט, ווייל וויא עס איז בעוואוסט, איז בייא דיא עלטערע מענשען ערנעהרען זיך שוין דיא אברים נישט רעגעלמעסיג, נאר דאס האט נאך קיין מאָל נישט געטראפען, אז א געזינטער מענש, וואס זאל לעבען וויא עס בעדאַרף צו זיין, זאל שטארבען פלוצלינג*). מיט אייןווארט, א פלוצלינגער טויט קימט ארויס פין דעם וואס עס ווערט וואס עס איז פאר א שינוי אין א-נ-אינעווייניגסטען אבר, נאר אזא וואס טוהט נישט אָן קיין שום שמערצען, דיעזע שינוי קימט ארויס פין אלטקייט אדער פין נישט קיין רעגעל-מעסיגען לעבען, אלזא איז קיין טויט נישט פלוצלינג, ווייל דיא פריצינע איז שוין דאָ פין פאַרדעם א צייט פריהער, דער טויט איז מעהר נישט דיא לעצטע שטופע אין דער ענטוויקלונג פין א-נ-ג-ארנבעוואוסטע (פאר דעם אייגענטהימער) קרענק.

שמעון. אויף נאמנות, דיינע ווערטער זענען ביי מיר דורך אויס א נייעס, איז אזוי? קימט אויס, אז מענשען שטארבען קיין מאל נישט פלוצלינג? קימט אויס, אז דיא דאקטארים ווייסען יעדעס מאל אזוי ריכטיג די פריצינע פין א פלוצלינגען טויט וויא איך ווייס דיא פריצינע פאר וואס ברענט א שוועבעלע, אז איך רייב עס אן? — אויף היינט וועט זיין גענוג, מעהר קען איך שוין היינט נישט רעדען, איז עס אזוי?... ווענט זיך דאס נישט אָן מזל? רבונו של עולם! איז דאס מעגלאך?.. א גוטע נאכט, היינטיגען שבת, אם ירצה-השם, וועלין מיר זיך זעהן בייא זאוולען אין שול; בעת לייענען וועלין מיר זיך אוועג געהן אין קאנצעלען[6] אונזער וויכוח, דערווייל א גוטען.

II

שמעון. וואס זאל איך דיר זאגען, זרח, איך האב א גאנצע וואָך געקלעהרט וועגען אונזער לעצטען שמועס אין עס איז שוין געווען פיל מאל, וואס עס האט זיך מיר געוואלט אוועקוואַרפען דעם נאָל אין לויפען צו דיר אין גאר אין גאנצען צוקלאפען דיינע ראיות, נאר איך טראכט זיך: „זייא נישט קיין גיראצער,[7] בעטראכט נאך אמאל". איך מאך מיר א דראטווע אין טראכט אלץ וועגען דעם. עס פאסט, אז דיא זאלסט מיר אויפווייזען, אז די דראטווע האט א המשך מיט מיינע רעיונות, ווארום וויא איך נעם נאר דאס פעך אין דער האנד אין הייב אָן צו שמירען, אָט אזוי הייבט אן דער קאפ צו טראכטען יע... וואס האב איך געוואלט זאגען?... איך נעם דיא דראטווע אין דער האנד אין זאג צו מיר אליין: „בעטראכט נאך אמאל, צו לינט דא ווייטער נישט עפעס א דריידעל?" דו וועסט קומען מיט דיינע נייע ראיות אין ער וועט זאגען איין ווארט קלאפט ער דיר אראב אין גאנצען, איך גיב נאך אמאל געטראכט אין דו בלייבסט ווידער גערעכט. פין מייסטער האב איך געקריגען היינטיגע וואָך געזידעלט, ער זיצט

---

[5] שטעקט אָן.

*) זעהר אפט טרעפט זיך א פלוצלינגער טוידט נאך א גרויסען שברי-לב אדער פארקערט נאך אגרויסע שמחה; דיא מעשה דערפין איז וואס בעת א שברי-לב אדער א שמחה הייבען אָן דאס הארץ מיט דיא אָדערין שטרענגער אָנצובלאָזען זיך אין גיב זיי האבען שוין פערלארען דיא פעהיגקייט זיך פין אנדער צובלאזען, דאן פלאצען זיי.

[6] פארענדיקן.

[7] גאָריאטשי (רוס') — היציקער.

זיך אזוי אין עסט אין איך טהיא, אין מיט'ן גיט ער א קוק און זעט, אז איך זיטץ אזוי פערטראכט: — „זוא מזל אויף דיר, וואסערע ארבייט עס קען ביי דיר א־דויס געהן״ האט ער א געשריי געטיהן.—הלואי—האב איך א שמייכעל געטיהן און וויטער אנגעהויבען צו טאהן און בייא מיר האב איך געטראכט: אז ער וואלט געוואוסט דאס וואס איך ווייס איצט, וואלט ער פאר מיר געפונען א בעסערע קלה, נאר וואס האב איך זיך פאררעדט, צייט איז פאראן ווייניג, און מיר האבען נאך א סך, וועגען וואס צו רעדען. דו געדענקסט אויף וואס פאר קשיות דו דארפסט מיר ענטפערען?

ז ר ח. פאר וואס זאל איך נישט געדענקען, דו דארפסט וויסען, אז פיהרען א וויכוח מיט עמיצען איז פאר מיר א־נ־אמת'ר חיות. איך זאג דיר, אז עס קומט מיר צו פון דעם געזונט, אין איך געדענק גענויא אלע ראיות, וואס יענער ברענגט מיר און וויא איך האב זייא פארענט־פערט, איך האב דיר נאך צו ערקלערין דיא פריצינעס פון ארימקייט און רייכקייט, דיא פריצינעס, פארוואס געהען דיא געשעפטען אפילו ביי די רייכע לייט נישט אלע מאל גלייך א מאל בעסער אין א מאל ערגער, זא גלייך האב איך דיר נאך צו ערקלעהרען, פון וואנען נעהמען זיך דיא רייכטום ביי די אייפגעקומע:ע גבירים, איך וועל דיר אויפווייזען, אז דאס ווענדעט זיך נישט אן מזל, נאר אן ב ע ש ט י מ מ ט ע פריצינעס.

ש מ ע ו ן. איך וועל מיך שוין מיט דיר נישט אמפערען, עס קען גרייליך זיין, אז עס איז פאראן אזעלכע פריצינעס און אויב דו ווייסט זיי איז אדרבה—שוין אויפ'ן טיש.

ז ר ח. דו מיינסט אוודאי, אז איך וועל דיר מי יודע וואס אויפווייזען? חס וחלילה! די פריצינע איז גאר א־נ־איינפאכע, דו טהוסט ביי דיין בעל־הבית אין בעקומסט 4 רובל א וואך, אויפטהון טהוסט דו אויף ארבייט אויף 7 רובל א וואך; אט די איבריגע ארבייט בלייבט ביין בעל־הבית, אין היינט, אז א בעל־הבית האט 20 ארבייטער בלייבט איהם 60 רובל א וואך, דו פערלעבסט דיינע 4 רובל די וואך אין קוים וואס דיר סטאיעט דאס, אבער א בעל־הבית פון 20 מענשען קען אזוי פיל, פיל עס בלייבט ביי איהם ניט פערלעבען, אט קלויבט ער א קאפיטאל, ער ווערט וואס ווייטער אלץ רייכער אין דו בלייבסט אייביג דער זעלביגער ארימאנן. וואס איז דיא מעשה, וואס דו נעהמסט אזוי ווייניג שכירות, וואס עס סטאיעט דיר קוים אויף דורך צו לעבין? דאס רעכען איך פערשטעהסט דו בעסער פון מיר, דו ווייסט גאנץ גוט, דאס אויב דו זאלסט וועלין נעהמען עטוואס מעהרער, וועט זיך א־נ־אנדערער שטעלען אויף דיין ארט אויף דעם מקח, ווארום שטענדיג איז פאראן ארבייטער, וואס זוכען ארבייט, וואס זענען גערין צו הארעווען אבי נאר צו פערדינען דאס שטיקעל הירנה, אלזא, זעהסט דו, אז קוים האט ער א קאפיטאל צום קויפען מאטעריאל, דינגען א דירה און מענשען אין דו ניט—מוזט דו בלייבען א־נ־ארעמאנן אין ער אלץ רייכער, דאס ווענדט זיך אן דעם, וואס אללעס, וואס דער ארבייטער טהוט אויף, געהערט צום בעל־הבית אין דער ארבייטער, צוליב די קאנקורענציע וואס עקסיסטירט צווישען זיי, פערדינט מעהר ניט אויף דורך צו לעבען.

ש מ ע ו ן. דו האסט מיר מעהר נישט ערקלעהרט, ווי אזוי עס מעהרט זיך ביי די גבירים דער קאפיטאל, אבער ווי אזוי זענען געקומען די איצטיגע גבירים צו זייערע ערסטע קאפיטאלען, וועלכע עס האבען זיך דערנאך געמעהרט דורך די ארבייטערס פראצע.

ז ר ח. וועגען דעם איז פאראן אסך, וואס צו רעדען, נאר דו ווילסט דאך וויסען כולה תורה על רגל אחת, די גאנצע תורה אויף איין פוס, מילא א ברירה האב איך? איך מוז דאך דיר זאגען, ווארום אז ניט קען דער בעגריף וועגען מזל נאך ווייטער דיין קאפ צו טומלען, אלזא פון וואנען האט זיך גענומען געלד ביי די איצטיגע אידישע גבירים? ווען מיר זאלען א קוק טוהן מיט וואס אידען האבען זיך בעשעפטיגט מיט א יאהר 30—50 צוריק, ווען אין רוסלאנד האט נאך עקסיסטירט פאנסצירזנע, וועלען מיר זעהן אזוי: אידען זענען געווען ארענ־דאטערס, מעקלאירעס, פאקטורדים ביי דיא פאמעשציקעס (פריצים), אין די שטעט זענען זיי געווען בעלי־מלאכות, פיל ווייניג זענען געווען קליינע קרעמערלאך, שענקער א.ד.ג. צו די אלע געשעפטען האט מען דאמאלס קיין געלד כמעט וויא גאר נישט געדארפט, דעם ארענדאטער פלעגט דער פאמעשציק געבען פארטיגע בעלי־בתישקייט און אומזיסטע מענשען און אז ער פלעגט

פערקויפען דאס ברויט, די פוטער א. ד. ג. פלעגט ער איינצאהלען דעם פריץ. אט פון אזעלכע געשעפטען פלעגט מען קענען אָבלעקען אמאל א ביינדעל, די אמאליגע ישובים פלעגען זיך באזעצען אין די הייפען ארעמע לייט אין ארויס געהן נגידים, אט איז געווען א מיטעל ווי מיט גאר נישט אָנצוקלויבען א קאפּיטאל; צווייטענס, דער מסחור איז דאן געגאנגען זעהר קליין, אום צו עפענען א געשעפט האט מען געדארפט האבען עטליכע צעהנדליג רוביל, אָט אזא קליינע סומע האט דאן געקענט יעדער אָנקלויבען, זייענדיג א בעל־מלאכה, דיענענדיק אויף א סלוזשבע[8] (ביין אָטקוב, אדער ביי וואס עס איז אנדערס). בעת עס איז געווען פּאנסצי־זנא פלעגען אָט אזוינע קליינע געשעפטען געבען מעהר ניט ווי חיונה, אבער אין דעם ערסטען צעהנדלינג יאהרען וויא מען האט בעפרייט דיא פויערים פלעגט מען אין אזעלכע קליינע געשעפטען שארען גאָלד; קראָמען זענען דאמאלס געווען וויניג אין וואס פון טאג האט זיך די נאכפראגע אויף סחורה אלץ פערגרעסערט, וויל די פריצים האבען אנגעהויבען צו קויפען אלערליי סחורה, וועלכע פלעגען פריהער אויסארבייטען זייערע א״געגע פּאראָבקעס; די פויערים האבען דאס גלייכען אלץ מעהר אנגעהויבען צו קויפען אין שטאדט אין וויניגער אויסארבייטען; דריטענס, א בעל־מלאכה כדי צו עפענען א מייסטערסקאיע[9] האט אמאל קיין קאפּיטאל ניט געדארפט האבען מעהר ניט ווי דינגען א דירה, אין דאס פלעגט מען אמאל ניט צאהלען פריהער, נאר דער נאך, אז מען האט שוין אבגעוואָהנט; ווייטער איז אפילו קיין האנד מאשינעס דאמאלס נישט געווען; דער, ווער עס האט געהאט גוטע פאָהיגקייט צו דער ארבייט און פלעגט איהר מאכען גוט, פלעגט האבען א סך ארבייט — מען האט געטאהן דאמאלס דורכאויס אויף זאקאז[10] און ער פלעגט קענען אנקלויבען געלט, אז אזוי האבען זיך אנגעקליבען די ערסטע קאפּיטאלען אָן שום נסים; צו דער צו האט מען געדארפט האבען נאטירליכע פאָהיגקייטען, זיין, ווי מען זאגט, ניט קיין נאַר אין ניט קיין טרוס,[11] עטליכע גולדען אָנצוקלויבען איז דאן געווען גאר ניט שווער און כמעט פאר אלעמען מעגלאך. דער איד׳ל, וואס פלעגט זיך צורוקען צו א פריץ, פלעגט ער שוין מיט לוידיגען פון איהם ניט אוועקגעהן, דער מייסטער׳ל וואס האט געקענט גוט די ארבייט, דער קרעמער, וואס האט געוואוסט ווי צו פיהרען זיין קליינעם געשעפט, האבען געקענט אויך אנקלויבען א שאָהנעם גראָשען. איך וואלט דיר געקענט דערצאָהלען וועגען דעם ווי אזוי קומט צו אידען די ערסטע קאפּיטאלען און איך פערהאָף, אז אי״ה איך וועל דיר דאס נאך דערציילען ווען עס איז, נאר היינט ווילסט דו דאך כולה תורה על רגל אחת, זאל וועגען דעם אויף היינט זיין גענוג.

שמעון. איז דאס מעגלאך, אז פון א זעלכע קליינע זאלען אויסוואקסען אזוינע גרויסע גבירים?

זרח. דו דארפסט דיר פארשטעלען, ווי גוט זענען געגאנגען די געשעפטען באלד נאך דעם, ווי מען האט בעפרייט דיא פויערים. ערסטינס, וויא איך האב דיר שוין דערצאָהלט האבען דיא פּאָמעשציקעס אין דיא פויערים אנגעהויבען צו קויפען אזעלכע זאכען, וועלכע דיא פויערים פלעגען פריהער אליין אויסארבייטען פאַר זיך אין אלס פּאנסציזניקעס (פּאראָבקעס) פאר׳ן פריץ, און פערגעס זיך ניט, אז פויערים איז פאראַן בייא היינטיגען טאג 80 מיללייאָן, הגם אין יענע צייט איז געווען וויניגער, אבער דאך איז אויך דאמאלס געווען פויערים א קימא לן פון עטליכע צעהנדלינג מיללייאן מענשען, צווייטענס דארפס דו וויסען, אז די פריצים האבען בעפרייט זייערע קנעכט ניט אומזיסט: זיי האבען דערפאר בעקומען פון קאזנא העכער וויא טויזענד מיללייאן רובל. אויף די געלט האט מען, געוויינטליך געטאָהן א לעב אין צו אונזערע אידלאך האט זיך איבער געזופּט א שאָהן ביסעלע פון די געלט און דאס פערשטעהט זיך, אז ווי נאר ביי איינעם ווערט מעהר קאפּיטאל, פערגרעסערט ער זיין געשעפט און זיין קאפּיטאל פערגרעסערט זיך נאך

---

8 א שטעלע.

9 ווארשטאט.

10 באשטעלינג.

11 א פחדן, א שרעקעוודיקער.

גיכער. אויף דיא קאפיטאלען, וועלכע אידען (זאגליך ווי קריסטען) האבען אנגעקליבען פון מסחר האבען זיי כמעט אינגאנץ [פארלייגט?] פאבריקען און אין א פאבריקע ווייסען מיר דאך, אז קאפיטאל וואקסט וויא אויף הייוועז, יעדער מענשעלע שמיט אן אלע וואך 3—4 רובל פאר'ן פאבריקאנט, אט איז דער אלה תולדות פון די אידישע גבירים. מיט גאר נישט האבען זיי אין די אמאליגע צייטען אנגעקליבען קליינע קאפיטאלען און די קליינע קאפיטאלען זענען צוליב בעשטימטע פריצינעס ווי אין דער תורה שטייט ויפרו, וירבו, ויעצמו במאד מאד, זיי האבען זיך געפלאדזעט, האבין זיך געמעהרט און זיי זענען געווארין משונה'דיג גרויס.

ש מ ע ו ן: זאג'שזשע מיר, און ביי היינטיגען טאג איז דאס גאר אוממעגלאך מיט גאר נישט אנקלויבען א קאפיטאל?

ז ר ח: היינט איז דאס גאר אין גאנצען אוממעגלאך. און טאקי לאמיר נעהמען דעם זעלביגען אידישען ארענדאטער. אמאל האט ער ניט גידארפט האבען קיין געלד כדי צו דינגען אן אמעניע,[12] און ביי היינטיגען טאג דארף ער באלד איינצאהלען דעם פריץ אטחייל פון דיא ארענדא, אויב ניט אין גאנצען, ער דארף דינגען ארבייטער, ער דארף האבען קאפיטאל, אז ער זאל שפעקולירען מיט זיינע תבואה (ווארטען ביז עס וועט טייערער ווערין)*. דער ארבייטער האט אמאל מיט גאר נישט גיקענט עפענען א מייסטערסקאיע און אנקלויבען א קאפיטאל, און היינט זאל ער זיין דער בעסטער ארבייטער כדי צו עפינען א מייסטערסקאיע דארף ער האבען א קאפיטאל. געוויינטליך, ביי היינטיגען טאג קען מען אויך עפענין א מייסטערסקאיע מיט ווייניג געלד, אבער צו וואס [טויג] אזא מייסטערסקאיע האבין ארבייט? ווי געהט ארייין היינט די גאנצע ארבייט? אלץ אין דיא גרויסע מייסטערסקאיעס, אויסער דעם, ביי היינטיגין טאג געהט וואס פון טאג אויס די מאדע צו מאכין זאקאזנע ארבייט, מען קויפט אלץ אין קראם. די קרעמען געפינען זיך אין די הענט פון גרויסע קאפיטאליסטען, דא קיקט מען שוין ניט אויף די גיטסקייט פון דער ארבייט. אלע ווייסען, אז דאס איז טאנדייט, די גלאוונע זאך[13] איז דא, אז דאס זאל זיין שאהן און וואלוויל. וואס איז איצט מיט דעם בעל-מלאכה, וואס עפענט א קליינע מייסטער-סקאיע אן געלד, אפילו ווען ער איז אגיטער ארבייטער? איז ער א זאקאזנער ארבייטער, ליגט ער דאך געוויס אין די ערד. ערסטינס, איז פאראן גרויסע געשעפטין, וואס טהין זאקאז, די געשעפטין עקסיסטירען שוין פון א לאנגע צייט. די גרעסטע און די בעסטע ארבייט פאלט ארייין אהין צו, ביי היינטיגען טאג עפענין זיך אויך נייע מייסטערסקאיעס, וואס ציעהן צו זיך צו די קונדען. אבער דאס איז אלץ אזוינע געשעפטין, וואס ווערען פערלייגט אין די גלאוונע גאסען מיט א פיץ; מיט הויכע פענסטער, מיט א שאהנע וויסטאווע, מיט פערשידענע מאטעריאל אויף אויס צו קלויבען, ד. ה. אזוינע געשעפטען, און וועלכע עס ליגען שאהנע קאפיטאלען. ווער-שזע גיט א זאקאז דעם קליינעם מייסטערל? א געמיינער מאנן, אדער אפילו א געוויינליכער בעל-הבית, אבער וואס ווייטער קויפט דער עולם אלץ מעהרער טאנדעטנע ארבייט און דער קליינער מייסטער'ל ווערט אן איין קונד נאך דעם אנדערין. דאס איז אלץ, אז ער טהוט זאקאז; טהוט ער אויף קראמען איז דא פאר'ערט זיך דאך קיין שום ספעציאלניקייט ניט, מעהר ניט ווי גיכקייט אין פערטיגהט זיך, אז אויפ'ן קראם קען יעדערער טאהן; דעראיבער איז צווישען די בעל-מלאכות וואס טיהען אויף די קראמען זעהר א גרויסע קאנקורענציע און זייא לאזען זייער סחורה בחנם, דער גאנצער פערדינסט בלייבט ביים קרעמער, און דער בעל-מלאכה, אפילו דער מייסטער— ווער רעדט וועגין ארבייטער—בלייבען ארימע לייט. אט זעהסט דו, אז דער בעסטער ארבייטער צו ער טהוט זאקאז, צו אויפן קראם קען זיך צו קיין קאפיטאל ניט דערשלאגין, די זעהסט, אז די צייטען האבען זיך איבערגעביטען ניט נאר פאר די ארבייטער נאר פאר די

---

12 אימעניע (רוס׳)—א מאיאנטעק.

*) די פריצים מוזען נעהמען די ארענדא איצט א פריהער וויל זיי זיינען זעהר פערשולדיגט אין די בענק: א מאל זענען זיי גאר ווייניג געווען שולדיג. זייערע שולדען וואקסען פון טאג.—וועגען ספעקולאציע מיט תבואה האט מען אין דער צייט פון פאנסציונא ניט געוואוסט.

13 די הויפטזאך.

בעלי־בתים אויך. זיי ליגען אויך גאנץ גוט אין דערערד, אז זיי טיהען אויפן קראם; נאר פין דעסטוועגין ווען אלי בעלי־מלאכות וואס טהיען אויפן קראם, וואלטען געלעבט ביי די זעלביגע ארסלאוויעס,[14] וואלטען זיי אלע גיווארען גלייכע מבינים אין אפשר טאקי ניט קיין אביונים, נאר גלייכע בעלי־בתים, אבער די ארסלאוויעס זענין ניט גלייך ביי אלעמען: איינער האט מעהרער ארבייטער פאר דעם אנדערין, איהם קאסט שוין בילליגער די ארבייט (ווייל עס קאסט אים בילליגער דירה, בעלייכטונג, ווייל ביי איהם קען די ארבייט ווערין מעהר צערטהיילט א. ד. ג.) ער קען שוין לאזין דעם קרעמער וועלוועלער ווי דער קליינער מייסטער׳ל, ער קאנקורירט אויס דעם קליינעם מייסטער׳ל אין יענער מיז פערקויפין אזוי ווי דער גרויסער מייסטער, אבער פערקויפענדיג אויף דעם זעלבען פרייז, בלייבט איהם נור פין וואנען צו לעבען. עס געהט פערביי א קליינע צייט אין דער קליינער מייסטער׳ל (אדער זיינע קינדער) ווערט אן־ארבייטער. אלזא, ווערט דער גרויסער מייסטער, וואס ווייטער אלץ גרעסער, רייכער, אין דער קליינער גייט גאר אונטער; אין דעם איז אלץ איינס צו ער טהוט זאקאז, צו ער טהוט אויפן קראם. נאך אזאך, א קראם דארף אפט מיט אמאל א סך סחורה, דערצייבער איז איהר בעסער צו האבין א געשעפט מיט א גרויסען מייסטער, ווי מיט א קליינעם, אין דאן ווען זי פיהרט שוין איהרע געשעפטען דורך אויס מיט׳ן גרויסען מייס[ט]ער, ווייל זי שוין דעם קליינעמס ארבייט אין גאנץ ניט נעהמען. דער קרעמער ווייס גאנץ גוט, אין וואס פאר אנוויטה עס געפינט זיך דער קליינער מייסטער׳ל ווען ער קימט צו איהם בעטען (מיט) ארבייט אין בעט איהם א העלפט מקח.

שמעון. אבער ווי אזוי קימט דאס, אז ניט ביי אלע מייסטערס איז דער זעלביגער צאהל ארבייטער?

זרח. גאר איינפאך, איינער איז א פאהיגער מע״ש, ער איז גיוועז א בעסערער מבין אויף די סחורה, וועלכע ער ארבייט אויס, דעריבער איז זיין סחורה גיפעלין געווארען, האט מען זיין סחורה גינומין בעסער ווי א־נ־אנדערענס, אדער ער האט געוויסט בעסער ווי צו פיהרען א מייסטערסקאיע ד. ה. פין די זעלביגע האט ער מעהר פערדינט, האט ער פערשפרייט זיין געשעפט. אין אין די פאהיגקייטען ליגט אויך קיין שום קינץ ניט, דאס איז פשוט די טבע פין אונזער מארק[15] אין דאס איז א געבארענע זאך. אזוי ווי אלע מענשין ווערין געבוירען מיט איינע אויגען אין קיינער וועט ניט זאגען, אז דאס איז א מזל־זאך, אט אזוי קען מען ניט זאגין דאס פעהיגקייטן ווענד זיך אן מזל, ווארום דאס איז די טבע פין אינזערע מארק אין נערוועז. ביי איינעם זענין די הענט שטארקער, ביי דעם אנדערן שלאפער, ביי איינעם איז דער מארך מעהרער ענטוויקעלט, ביי דעם אנדערן ווייניגער, אין דאס פאר וואס האבין מענטשען פערשידענע נאזער, אויגען, מהות האט אויך בעשטימטע פריצינעס. אום צו ערקלעהרין דיר דאס מוזען מיר [אריין] אין הויכע דרכים אין איך רעכען, אז די וועסט מיר גלייבען דער ווייל אויפ׳ן ווארט, אז דאס ווענד זיך אויך אן בעשטימטע פריצינעס. אויף דעראויף וועט אויך קימען א צייט, אז איך וועל דיר ווענין דעם דערצאהלען. איך ווייס, אז די האסט אגוטען קאפ אין די וועסט גידענקין דעם חוב. איצט רעכין איך, וועסט די גיכער מסכים זיין צו זאגין אויף דאס וואס די ווייסט ניט „איך ווייס ניט״ איידער צו זאגען די דוממע ווערטער: „עס ווענדט זיך אן מזל״. אלזא, האב איך דיר ערקלערט, ווי אזוי דער גראסערער מייסטער ווערט אלץ גראסער אין דער קלענערער געהט גאר אינטער. אט דאסזעלבע איז אין מסחור אין פאבריקאציאן: דער גרויסער שלינגט איין דעם קליינעם. דעם גרויסער כוחר, דעם גרויסען פאבריקאנט קאסט אלץ וועלוועלער (איהם קאסט וועלוועלער די סחורה, וועלכע ער קויפט, דירה, בעלייכטונג, ער קריגט וועלוועלער צו לייען געלט) דעראיבער קען ער פערקויפען וועלוועלער. נאך מעהר די גרויסע סוחרים אדער פאבריקאנטען פערקויפען א מאל אין קרן אדער אונטערען קרן, אבי נאר פערטרייבען דעם קלענערין אין בלייבען אליין. אט איז נאך א פריצינע, פאר וואס גרויסע גבירים ווערין ניט קיין ארימע לייט אין בעלי־בתים—יע. אט אזעלכע מיטעלע פאבריקאנטין אדער כוחרים, וועלכע די גרויסע

14 באדינגונגען.

15 מארק—געמיינט מארך, מוח.

האבען אויסגעקאנקורירט, אז זיי ווערין ארימער וואס טהוען זיי? זיי מאכען קליינע געשעפטען. דעראיבער ברענגט די קאָנקורענציע דער צו, אז קליינע געשעפטען ווערין אלץ מעהרער. עס ווערט מעהר קראָמען, שענקען ווי קייפער און טרינקער און איצט איז אפילו אוממעגליך צו ציעהן חיונה פון א קליין קרעמ'ל, ווער רעדט פון עשירות? און דאס איז גאר ניט צוליעב דעם, ווייל די קרעמער האבען אזא מזל, נאר ווייל היינטיגע צייט קען דער קליינער סוחר, דער קליינער פאבריקאנט קיין תקומה ניט האבען, ביי היינטיגען טאג וועסט די קיין מאל ניט הערען, אז עמיצער זאל אנהייבען פון קליין און ווערין א גרויסער גביר. די איצטיקע גבירים האבען טאקי אמאל אָנגעהויבען פון קליין, אבער דאס איז אלץ אמאל, שוין זעהר לאנג געוועזען. די יונגע לייט גבירים זענען שוין געבאָרענע גבירים, זיי האבען זייער רייכטום ניט אליין ערווארבען. איצט קאן מעהר ניט פון גבירים ארויס קימען גבירים, פון מיטעלע קלאסען מענשען קימען גיכער ארויס ארימע לייט ווי גבירים, אדער ווער רעדט וועגען ארימע לייט ארבייטער? יעדערער ווייס דאָך, אז זיי בעקימען קוים-אויף דורך צו לעבען. א נ-ארבייטער, וואס קען זעהר גוט די ארבייט און לעבט זעהר קארג, קען אָנקלייבען ווען הויך אפאַ' הונדערט רובל, אמאל האט מען גיקענט פון אזא קאפיטאל אנקלייבען גבירות, ביי היינטיגען טאג קען ער זיי מעהר ניט האלטען אין באנק און בעקומען פאר זיי 3 רובל 60 קאפ' פון הונדערט א יאהר פראצענט זאל ער פריאווען מאכען א געשעפט מיט זיינע הונדערט אדער צוויי הינדערט קארבען, דאן קען ער זיכער זיין, אז ער וועט ניט אוספעיענען ארום צו זעהן זיך, ווי פון זיינע עטליכע רובל וועט אפילו א זכר ניט בלייבען. אלזא, איז דאס וואס מיט דעם זעלבינען קאפיטאל האט מען געקענט מיט א יאהר 30—40 צוריק אנקלובען עשירות און ביי היינטיגען טאג ניט, דאס, וואס דער ארבייטער פלעגט זיך א מאל דער שלאגען צו א מייסטער און האבען שאָהנע חיונה און א מאל טאקי צו א קאפיטאל אויך און היינט טרעפט דאס ניט, וויר [איז?] ווייל די אמאליגע מענשען האבען געהאט מזל און די היינטיגע ניט? חלילה! צוליב געוויסע פריצינעס, וועגען וועלכע מיר האבען דא גערעדט זיינען די געשעפטען (מייסטערסקאיעס, פאבריקען, האנדעל) געווארען פון קליינע גרויסע און דאס האט איבערגעקעהרט מיט די קאָפ אראב און מיט די פיס ארויף די לאגע סאי פון בעל-הבית, סאי פון ארבייטער, סאי פון קרעמער, סאי פון שיינקער... רעדענדיג וועגען די פריצינעס פאר וואס ווערט די לאגע פון די ארבייטער און מייסטערעס וואס ווייטער אלץ ערגער, האב איך דיר ניט דערמאָנט וועגען איינע פון די וויכטיגסטע, איך מיין די קאנקורענציע צווישען מאשינאווע און האנד ארבייט, איך האב דיר ערקלעהרט ווי די גרויסע מייסטערעס, סוחרים קאנקורירען מיט די קליינע וויא די גרויסע שלינגען איין די קליינע, (הייט) איז א פשיטא אז וואס עס איז פאר א סחורה, וועלכע מען האט געארבייט מיט די הענט הייבט מען אָן אויס צו ארבייטען מיט מאשינעס, וואס ווערט דאמאָלסט מיט די בעלי-מלאכות. וואס האבען אויסגעארבייט דעם ארטיקיל סחורה און ווי געהט די ערסטע פאבריקאנטען, וועלכע פיהרען ארייין די מאשינעס? עס פערשטעהט זיך אז די בעלי-מלאכות געהען וואס פון טאג אונטער, ווייל זיי קומט אויס צו קאנקורירען מיט די פאבריקאנטען, ד"ה אָפט מאל פערקויפען די סחורה אונטערען קרן און די פאבריקאנטען בעקומען אלץ נייע פלאָצער, וואו אויסצוברייינגען זייערע סחורה. נעהם א זעלכע זאכען ווי טשוועקעס, קאָרט, זאָקען, מעהל, גרויפען, לעדער. ווי לאנג איז דאס געוועען דורך אויס א האנט ארבייט און היינט וואו? עס ווערט אלץ געמאכט מיטן שוריץ. וואס איז אבער געווארען מיט די טויזענטער מענשען, וואס פלעגען דאס אלעס אויסארבייטען מיט די הענט? איז דאס אויך צוא ליב דעם, ווייל זיי האבען קיין מזל ניט געהאט? די פאראווע[16] מאשין איז שוין אויס געטראכט געווארען אין פאָריגען יאהר הונדערט, נאר אין רוסלאנד האט מען איהר ביז א יאהר 30 צוריק ניט געדארפט, אבער איצט, אז עס טרעבעוועט זיך[17] מאסען פראָדוקטען און אז ביי מענשען איז פאראן אנגעקליבענע געלט אויף ארייין צו ברייינגען זיי און דאס באַט יעדערען פיינע פערדינסטען, איז גאר איינפאך, אז מען פיהרט ארייין

16 דאַמף.

17 פאָדערט זיך.

א זעלכע מאשינעס איינע נאך דער אנדערע, און יעדער מאשין ווארפט ארויס אויפן גאס טויזנטער ארבייטער, ווייל דער מאשין ארבייט אויס די זאך א סך גיכער ווי מיט'ן האנט, ער מאכט אונגליקליך הונדערטע בעלי בתים, ווייל זיי קענען ניט קאנקורירען מיט די פאבריקאנטען. מיר האבען שוין ארום גערעדט פיל זאכען, פון וואנען האבען זיך גענומען די ערסטע קאפיטאלען, ווי אזוי פערגרעסערן זיך דיא קאפיטאלען ביי מענשען, וואס איז די געשעה, אז קליינע געשעפטען געהען ארונטער, וואס איז די מעשה, אז דעם ארבייטער ווערט דאס ווייטער אלץ ערגער. זאג, צו זענען מיר געניטיגט צו זאגען, אז חאטשי איינע פון די זאכען ווענדט זיך אן מזל? א קאפ אויך ניט! יעדער זאך האט א פריצינע און קיין נסים איז ניטא. אלזא, זעהסט דו, אז פאר א־נ־א־בייטער איז אוממעגלאך איצטער צו ווערען א בעל־הבית און נאך אוממעגלאכער אנצו־קלויבען א קאפיטאל, וועלכער זאל זיך אין זיינע הענט קענען פארמעהרען, פארקעהרט, וואס ווייטער מוז די לאגע פון ארבייטער ווערען אלץ ערגער.

שמעון: אויף נאמנות, אין דער זאך האסט דו מיר די אויגען געעפענט. וואהל איז צו די, ווער מענס עלטערן עס האבען אין די אמאליגע יאהרען אנגעלאדען די קעשענעס מיט געלד, אבער די וואס זענען ביי היינטיגען טאג ארימע לייט אדער אפילו מיטעלע מענשען, קענען זיי געוויס זיכער זיין, אז אדער זיי, אדער זייערע קינדער וועלען בלייבען ארימע לייט. איצט זעהע איך קלאהר, אז ארים און רייך ווענדט זיך גאר ניט אן מזל. נאר צוויי קשיות איז נאך פארט ביי מיר געבליבען. דאס, וואס די האסט גערעדט, איז דורך אויס ריכטיג, וואס וועל איך דיר אבלייקענען? צו דען־זע זעהע איך ניט, ווי ווייט עס ליגען איצט אין ד'ערד די שוסטער, סאי די וואס טהוען אויף זאקאז, סאי די וואס טהוען אויפ'ן קראם? ווי די שטעפערשע פאבריקא האט אראב געקלאפט אלע קליינע מייסטערסקאיעס? צו דען ווייס איך ניט, ווי די שיכעל־קרעמער קומען אויף פון טאג? געהויינטליך, נאר די גרויסע, צו דען זעה איך ניט, ווי פון די יואוועלירער איז געווארען צייט א פאאר יאהר א בארג אש, צייט די פעטערבארגער גרויסע געשעפטען האבען אנגעהייבען מיט זיי צוא קאנקורירען, צו דען קען איך ניט די מעבעל־סטאליארעס ווי זיי הארעווען לויטער אויפ'ן קראם? דו ווייסט דאך, אז איך בין א גרויסער פאמיליאנט, דא היא און מיין גאנצע פאמיליע זענען אויסגעקנעטענע מיוחסים דורך אויס בעלי־מלאכות אלע. אויף נאמנות, קלאגען אין די הייפענס. נאר פון דעסטוועגען זאג איך, אארט מיר פארט די קשיות. ערסטינס, טרעפט אז ביי גאר די גרויסע גבירים געהען א מאל די געשעפטען בעסער און ערגער און צוהייטענס, בייא היינטיגען טאג איז אויך פאראן דאס, וואס מען זאגט אויפגעקוממענע גבירים—מענשען, וואס ווערען מיט א מאל רייך, ווערליג ווי די זאגסט איז דאך דאס אוממעגלאך און איך ווייס אימענא,[18] אז דאס קומט יע פאר, אט קוק דער אייגענער ב' און וו'.

זרח. ערסטינס, וועל א ך דיך ערקלעהרע[ן], וואס איז דיין מעשה, וואס ביי די גרויסע גבירים געהען די געשעפטען א מאל בעסער און א מאל ערגער. ווי איך האב דיר שוין ערקלעהרט, זעהט יעדער פאבריקאנט אויסצוארבייטען וואס מעהרער סחורה, ווארום וואס מעהרער ער ארבייט אויס קען ער אלץ וועלוועלער פערקויפען, וועט איהם אלץ גרינגער זיין אויס צו קאנקו־רירען דעם צווייטען. פערשטעהסט זיך, אז אלע פאבריקאנטען האבען דעם זעלביגען אויסרעכנונג, דעראיבער ווערט אויס געארבייט סחורה מעהרער ווי עס פאדערט. און אז סחורה איז פאראן צופיל, הייבט מען אן איר צו פערקויפען ביליגער, פערדרינט מען ווייניגער אן איהר, דאן זאגט מען דאס די צייט איז שלעכט. פערשטעהסט זיך, אז דער קלענערער קאפיטאליסט קען שוין קיין מאל א קאפ ניט אויפהייבען, אבער ביי די גרויסע קאפיטאליסטען געהען אויך די געשעפטען בעת מעשה ניט גוט, דערווייל ווערען פיל פאבריקעס פערמאכט, פיעלע באנקראטירען, דערווייל פערקויפט זיך ביסלאכווייז די סחורה, ביז עס ווערט שוין ווייניגער, די מקחים פאנגען זיך אן אויפצוהייבען, אבער דאן איז שוין פון פיל קאפיטאליסטען קיין זכר ניט געבליבען, אבער די וואס זענען געווען אין שטאנדע איבער צו ווארטען די שלעכטע צייט (דאס זענען גאר די גרויסע

18 נעמלען, דווקא.

קאפיטאליסטען) הייבען אָן ווייטער צו פיהרען זייערע געשעפטען גאנץ גוט, אָפט מאָל בעסער ווי פריהער. און וואס די פרעגסט מיר וועגן דיא אויפגעקומענע גבירים, דאכט מיר, אז דאס, וואס איך האב מיט דיר גערעדט איז גענוג אים צו פערשטעהן, אז איצט איז אונמעגלאך פון א נאר־מאן א גביר צו ווערען; אָר וואס עס איז פאראן אויפגעקומענע גבירים, זאלסט דו וויסען, אז זייער רייכטום שטאמט פון איין אָק׳ר [מקור] דאס איז ג נ ב ה. אויב א מענש איז א נאר־מאן איז נאָך ניט קיין גנב מיז ער בלייבען א נארעם מאנן. און טאקע דער באנקיר ב. ווייסען אַלע, אז ער האט גערינט ביי בל. און האט פראסט געגנבה׳עט גאָלד, וועלכע די פאליאקען האבען ביי איהם געלאזען בעת דער מאטעשז איז געווען. אדער דער אדוואקאט וו. זאגט דער עולם, אז בעת ער איז געווען א שרייבער׳ל, האט זיך צו איהם געווענדט א פראסטער אין א אונגעבילדעטער מענש, פאר וועלכען עס איז געבליבען א ירושה פון א פריינד, א מיליאָנער. ער האט זיך צו דעם פראָצעס גענומען, דעם פראָסטען מענשען האט ער אבגענארט מיט גאר נישט און ער האט פאר וולאדיעט[19] מיט זיינע געלט, דאס איז אויך א פראָסטע גניבה. און די אמאליגע יאָהרען פלעגט טרעפען, אז מענשען פלעגען געפינען געלט, איצט איז דאס אונמעגלאך, ווייל קיינער האלט ביי זיך קיין געלט ניט: אויף דער אויף איז פאראן באַנק, אויף שיקען געלט איז פאראן פאָטשט. האט עמיצער ביי זיך בילעטען (אקציעס) איז ביי איהם פערשריבען די נומעריין, איז אפילו ווען איינער זאל זיי געפינען, וועט ער זיך אויך ניט קענען פאילזעווען[20] מיט זיי, ווארום די נומעריין פובליקירט מען. עס איז לייכט צו פערשטעהן, אז א מאל האט זיך דאס אויך ניט געווענט אָן מזל, אויב יענער האט אנגעווארען האט זיך דאס געווענט אָן נעהויסע פריצינעס: דער מענש איז געווען שיכור, צו טראָגען, אדער לייכטזיניג, האט ער ניט גוט ארום געקוקט דעם אָרט, וואו ער לייגט אריין. דער מענש, וואס האט געפינען איז דאך צוליב א בעשטימטע פריצינע געגאנגען אויף דעם אָרט, וואו די געלט איז געלעגען, ער האט אייגען— איז גאר איינפאך, וואס דער מענש האט אויפגעהייבען דאס, וואס ער האט געפינען ליגענדיג. אָי, וואס עס האבען געקענט געהן עטליכע מענשען און ניט דערזעהן און איינער האט יע דערזעהן איז גאר איינפאך, ווייל דער וואס האט דערזעהן האט געהאט בעסערע אויגען אדער ער האט א רגילות צו האלטען דעם קאפ אראב געלאזען און נאך אזעלכע פריצינעס.

ש מ ע ו ן. משמעות, אזא נייער געדאנקען קען ניט מיט א מאל אריין קריכען און קאפ און דארטען מיט א מאל צו קלאפען אלע אלטע מיינונגען. דאס, וואס די האסט מיר געזאגט, האב איך שוין מיט מיין אייגענעם שכל געדארפט פערשטעהן. די קשיה האב איך שוין אליין געדארפט ענטפערן. נאר דו האסט מיר מיט א מאל געמאכט קלאהר אזוי פיל זאכען, טאקי ווי דער עולם זאגט כולה תורה על רגל אחת! דאָס האט זיך נאך אלץ און מיין קאפ ניט איינגע־סטאלירט, נאר איך רעכען, אז היינטיגע א גאנצע וואָך וועל איך שוין האבען מאטעריאל וואס צו קלעהרען און ניט איין מאל מסתמא וועל איך שוין קריגען געזידעלט פון בעל־הבית. נאר איין זאך האלט איך איצט פאר ריכטיג און איך ווייס, אז קיין מענש וועט דאס מיר ניט קענען איבער שפארען, אז מזל איז דורך אויס א דומהייט, אז יעדער זאך האט א פריצינע. אָי, אָי, אָי! וועגען ווי פיל זאכען פלעג איך שטענדיג טראכטען, אז זיי זענען אב הענגיג לויטער אן מזל! אָי, ווי איך וואלט געוואָלט וויסען די ריכטיגע פריצינעס פון וואס דאס ווענט זיך! וואס פאר א גיטע זאך איז בילדונג, זי מאכט דאך פון בלינד זעהענדיג! נו, טאקי זאג וואלט איך דאס א מאל געטראכט דאס וואס דו האסט מיר ערקלעהרט. איצט זעהע איך נאר ווי גערעכט דו ביסט געווען, אז דו האסט מיר שוין ערקלעהרט ווי ווייט מיר מוזען זיך זעהן ראטעווען, ווארום וואס ווייטער וועט אונז זיין ערגער, איצט זעהע איך קלאָהר, אז ווי באלד קיין מזל איז ניטא ווענט זיך דאך גאר און גאנצען אָן אונז: אויב אונזערע ארבייטער וועלען אָנהייבען צו פער־שטעהן, אז זיי דארפען מעהר מאכען צווישען זיך אחדות, וועט זיך זייער לאגע פערבעססערן, אז זיי וועלען וויסען דאס זייער צוקונפט (דאס, וואס זיי האלטען אז עס ווענט זיך אָן מזל)

---

19 באהערשט, פארכאַפט.

20 בענוצן.

ליגט ביי זיי אין די הענט, טו וועלכער ארבייטער וועט זיך דאס ניט פעראייניגען, וועלכער ארבייטער וועט דאס ניט זיכען אלערליי מיטלען צו פערבעססערן זיין לעבען? איך פערשטעה גאנץ גוט, אז ווי נאר די ארבייטער הערען אויף צו טאָהן, אָט אזוי הייבען אָן די קאפּאטאליסטען צו עסען פון גרייטען; דער קאפּיטאל הערט זיך אויף צו פערמעהרען, נאר פאר קעהרט ער פערמינערט זיך אין דאס איז זיי זעהר ניט געפעליג אין זיי גיבען זיך אונטער. א, זא, מיט אהדות קענען ארבייטער זיך פערבעססערען זייער לאגע. פון היינטיגען טאג אָן ווי דו זעהסט מיר לעבען וועל איך נאר רעדען מיט ארבייטער אין זיי אויפווייזען זייער לאגע אין דיא מיטלען ווי זיך צו העלפען, נאר זעהן ארויס ווארצלען פון זייערע קאָפּ, אז זיי איז באַשערט צו זיין ארימע לייט. אי וואס פאר א נארישקייט דאס איז! איך שעהם מיר פאר מיינע פריהערדיגע געדאנקען אין הערסט דו, זרח, איז מיין נאמען ניט שמעון, אויב אין איין מאָנאט ארום האב איך ניט אלע שוסטער ביי אונז אין קאסע. עס קען זיין איך ווייס ניט וואס, איך בין צופרידען צו ליידען הונגער צו שלאָפען אויפן גאס, נאר זעהן אראב נעהמען דעם פרוכת פון די ארבייטערס אויגען, ארויס ציעהן אונזערע ברידער פון דעם דלית, אין וועלכען זיי געפינען זיך היינט.

ע נ ד ע

ד י א

# אידען פֿראַגע
## אין רוסלאַנד
### פֿאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטטען.

## אַ הספד,*

וועלכער איז געמאַכט געוואָרען דעם 21 אָקטאָבער 1895 יאָהר.[1]

ГЕШПЕДЪ

Вильна 1896

Типографія Розенкранца и Шрифтзецера
Лидскій пер. д. 2598/13

ער איז שוין געשטאָרבען! פֿרייט זיך אַלע אידען, גרויס און קליין, יונג און אַלט, פֿרייט זיך, עס איז געשטאָרבען אונזער גרעסטער שונא, דער, וואָס האָט זיך זיין גאַנצען לעבען געבאָדען אין אידיש בלוט. ליהודים, ברידער! טרינקט בראָנפֿען שפּילט מוזיק: דער גרויסער, דער גראָבער וואַמפּיר איז שוין געשטאָרבען! גיט אַקיק בייא אונז אין שטאָדט. אין גאַנץ ליטווע און פּוילען, צי איז פֿאַראַן האָטשי איין מענש אויסער זיין הינטישע קאָמאַנדע, גענעראַלער, אָפיציערען, גרויססע ציניאָווניקעס און די גאַנצע חאַלאַסטרע בלוט־זייגער בכלל, צי איז פֿאַראַן פֿרעג איך אייך, האָטשי איין מענש, וואָס זאָלל וועגען איהם אַ גיט וואָרט אויסריידען? געהט

---

* דער מחבר איז ש. גאָזשאַנסקי — לנו (פֿגל׳ די זכרונות פֿון הלל קאַץ—בלום אין דעם באַנד). די בראָשור איז געדרוקט געוואָרן, ווי אַלע אַנדערע, אין גאַליציע (לעמבערג) און איז אומלעגאַל אַריינגעפירט געוואָרן אין רוסלאַנד. דער שער־בלאַט מיט דער ווילנער דרוקעריי איז אַ פֿאַלשער. 32 קליינע זייטן. מיר דרוקן די בראָשור אָן קיצורים; די פֿאַרטײַטשונגען זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿון אונדז.

רעדאַקציע.

1 די דאַטע—21 אָקטאָבער 1895—איז אַ טעות: אַלעקסאַנדער III איז געשטאָרבן דעם 20 אָקט׳ 1894; דעם טעות האָט מען זיכער געמאַכט אין לעמבערג בײַם זעצן. — רעד.

איבער דיא גאַססען אונ קיקט זיך מעהר ניט איין מיט וואָס פֿאַר אַ שמחה, אַללע אידעלאַך שטעהען בייא דיא אָביאַוולעניעס[2] אונ לייענען, דאָס ער האָט שוין איינגענימען. געוויינטליך דיא אידעלאַך ציטערען אַרויס צי וויינזען זייער שמחה, אָבער דער, וואָס האָט אַ ידיעה אין דעם אינערליכען לעבען פֿון דיא אידען ביי אונז אין שטאָדט ווייסט, אַז בייא דיא אידען איז אַ־נ־אמת׳ער שמחת תורה, ווייל אַללע זענען איהם דם שונאים. אונ טאַקי לאָמיר זעהן, פֿאַר וואָס דאַרפֿען דאָס איהם דיא אידען זיין אַזוינע שונאים? ער איז אין אַ פֿינסטערע שעה געוואָרען קיסר אים יאָהר 1881. מען האָט שוין באַלד געוואוסט, אַז ער איז אַ שונא ישראל. מיר וועלען געוויינטלעך ניט זאָגען וויא אַללע אידען, אַז אַלעקס. דער 2טער איז געוועזן אַ־נ־אוהב ישראל (אַ גוטער פֿריינד אידען). מיר ווייסען, דאָס אין זיינע צייטען האָבען אידען אויך קיין האָניג ניט געלעקט,[3] דאָס פֿאַר איהם האָבען אידען אויך קיין פּראַווע[4] ניט געהאַט צו וואהנען אין רוססלאַנד, ניט געהאַט קיין פּראַווע צו פֿערנעהמען דאָלזשנאָסטען,[5] נאָר פֿון דעסטוועגען איז אידען געווען פֿאַר אַלעקס. דעם 2טען אַ סך בעססער, וויא פֿאַר דעם, וועלכער איז נעכטען אין אַ גליקליכער שעה אַ כפּרה געוואָרען. נאָך פֿאַר אַלעקס. דעם צווייטען האָבען דיא רוססישע קאַפּיטאַליסטען געוואָרפֿען אַ־נ־אויג אוי״ף דיא אידען. וואָס האָבען זייא, אייגענטליך, געוואָלט פֿון ז״יא. דיא מעשה דערפֿין איז אַזוי: דער מסח״ר אונ דיא פֿאַבריקאַציאָן אין רוססלאַנד האָט זיך אָנגעהויבען זייט ע׳ס איז אוניצטאָזשעט[6] געוואָרען דיא פּאַנסצירזנע. עס האָבען זיך אָנגעהויבען צי פֿאָרדע״ן מאַססען סחה״ות, ווייל דיא פּאָמעשציקעס האָבען פֿערלאָרען דיא אייגענע פּאַראָבקעס, וועלכע עס פֿלעגען פֿאַר זייא אוי״סאַרבייטען אַלץ, וואָס זיי פֿלעגען בעדאַרפֿען. דאָס גלייכען דיא פּויערין האָבען אָנגעהויבען בעניטצען פֿיעל סחורה, וועלכע זייא פֿלעגען ביז איצט אַלליין פֿאַר זיך אויסאַרבייטען. ווענן מענן האָט בעפֿרייט דיא פּויערין, איז געווען זעהר ווייניג רוססישע סוחרים, צו מסחור, צו פֿאַבריקאַציאָן האָבען זיך געמיזט נעהמען גאָר פֿרישע מענשען, וואָס האָבען דערצי גאָרניט געטויגט; אָבער אידען זענען, ווי דער עולם זאָגט, פֿון דער נאַטור סוחרים, זייט זיי האָבען פֿערלוירען זייער פֿאָטערלאַנד, בעשעפֿטיגען זיי זיך דורכאויס מיט מסחור, אונ וויא באַלד, אַז איצט האָט אָנגעהויבען צו ענטוויקלען [זיך] דער מסחור אין רוססלאַנד, איז וועדליג וויא אידען זענען אין דעם געווען געניט, וואָללט דער גאַנצער מסחור און פֿאַברי־קאַציאָן איבער געגאַנגען צי זייא אין דיא הענד, אויב זייא וואָללטען נאָר געהאַט דיעזעלבע פּראַוועס וויא קריסטען, אונ דאַנן וואָללטען דאָך שוין געוועזן דיא קריסטען בייא דיא אידען אין גלות אונ ניט פֿערקי״הרט. דאָס האָבען פֿערשטאַנען דיא רייכע רוססישע קלאַססען אונ אַלעקס. דער 2טער אונ זייא האָבען דערפֿאַר פֿעסט מורא געהאַט, אונ דאָס א״ז געווען דיא פּריצינע,[7] וואָס אַלעקס. דער 2טער, וועלכער האָט זעהר פֿיעל געזאָרגט, אַז דער מסחור זאָלל זיך אין רוססלאַנד ענטוויקלען, האָט פֿון דעסטוועגען ניט דערלאָזען אידען וואהנען אין רוסס־לאַנד, אויסער דיא פּערוואָגילדייסקע קופּצעס[8] (עס איז משמעות פֿאָרט אַ שאָדען דער דאָחאָד,[9] וואָס אַזוינע מענשען ברענגען איין מיט דיא גילדעס אונ מיט דעם, וואָס זייא גיבען אויס אַ סך סחורה, פֿון וועלכע עס צאָהלען זיך אַקציזען און פּאָשלינעס,[10] זאָ גלייך וויא דאָס איז געווען נייטהיג פֿאַר די גרויססע רוססישע פֿאַבריקאַנטען, וועלכע האָבען זיך גענייטיגט אין גרויסע און גוטע אויסגעבער אויף סחורה). אָבער פֿון דעסטוועגען וויא דיא מעשה איז געווען, אַבי דער

2 מודעות, מעלדונגען.

3 אין טעקסט על־פּי טעות ווערט די שורה צוויי מאָל איבערגחזרט.

4 רעכט.

5 באַסטנס, אָפֿיציעלע אַמטן.

6 אָפּגעשאַפֿט געוואָרן.

7 די סיבה.

8 סוחרים פֿון ערשטער גילדע.

9 הכנסה.

10 שטייער, אָפּצאָל.

רײַכער אידישער קלאַסס איז אין דיא 26 יאָהר, וואָס אַלעקס. דער 2טער איז געוועזען קיסר, געוואָרען אַ גוזמא רײַכער. מען האָט דיא אידען דאַמאָלט אויך געשטיקט, אָבער בײַא אידען איז דאָס קיין נאָווינע ניט, אונ אַלע סגולות צו דיא רוססישע ציניאָווניקעס ווייסט דאָך יעדער איד פֿון קינדווײַז אָן. מיט איין וואָרט, אין פּעטערסבורג, אין מאָסקווע אונ אין אַנדערע גרויססע שטעדט אין רוססלאַנד זײַנען געוואָרען גרויססע אידישע געשעפֿטען, און וויא אַ איד מאַכט אַ געשעפֿט, דאָרטען ליעגט שוין דער פּאָינע אין ד׳רערד, דער איד קאָנקורירט איהם אויס. וואָס ווײַטער האָט דער רוססישער רײַכער קלאַסס אַלץ מעהרער געקריצט מיט דיא צאָהן אויף דיא אידען, זייא האָבען געוואָלט, וויא דער עולם זאָגט, דערטרינקען דעם אידען אין אַ לעפֿפֿעל וואַססער; אָבער פֿאַר אַלעקסאַנדער דעם 2טען איז דאָס זייא ניט זעהר גרינג געוועזען; ערסטענס, ווײַל ער האָט זעהר געוואָלט, אַז דער מסחור און פֿאַבריקאַציאָן זאָל זיך פֿערגרעסערן אין רוססלאַנד און ער האָט געוואוסט, אַז אין דער זאַך זענען אידען גרויססע שפּעציאַליסטען. צווייטענס, האָט מען נאָך ניט געקענט גאָר אין גאַנצען דערשטיקען דיא אידישע סוחרים, ווײַל רוססישע זענען נאָך דעמאָלס געוועזען ניט קיין סך, אָבער אין דער צײַט פֿון דיא 26 יאָהר, וואָס אַלעקס. דער 2טער איז געוועזען קיסר, איז שוין געוואָרען אַזוי פֿיעל רוססישע סוחרים אונ פֿאַבריקאַנטען, אַז דיא פּראַוויטעלסטוואָ האָט שוין מעהרער קיין מורא ניט געהאַט צו שטיקען דיא אידישע סוחרים. דער רוססישער רײַכער קלאַסס האָט מעהר ניט געוואַרט, דאָס אויפֿ׳ן שטוהל זאָל זיך זעטצען אַזאַ קיסר, וואָס זאָל גאָר ניט אַלאַוואַזשען[11] דיא נוטצען, וואָס דער אידישער קאַפּיטאַליסטישער קלאַסס האָט געבראַכט דעם מסחור אונ פֿאַבריקאַציאָן אין רוססלאַנד. מיט איין וואָרט, דיא רוססישע קאַפּיטאַליסטען האָבען געזוכט אַ שטעקען ענטקעגען דיא אידען, אונ דער שטעקען איז געוואָרען אַ מלך דעם 2טען מאַרט אים יאָהר 1881 (אונ דערצו נאָך אַ געזונטער אונ גראָבער!) דער עולם זאָגט, אַז ער איז פֿון נאַטור געוועזען אַ דומער מענש אונ דערצו נאָך אַ פֿאַנאַטיקער. נאָך ווענן ער איז געוועזען אַ נאַסליעדניק,[12] קען זײַן, אַז ער האָט געטראָגען אַ שנאה צו אידען, אונ וויא ער איז געוואָרען קיסר, ווער האָט איהם פֿאָרגעלייגט דיא גאַנצע פּאָלאָזשעניע,[13] אין וועלכע רוססלאַנד געפֿינט זיך? געוויינטליך דיא מיניסטאָרען, סאָוועטניקעס,[14] וועלכע געהערען צום רײַכען רוססישען קלאַסס אָדער שטיממען מיט איהם אין זײַנע מיינונגען. הײַנט וויא האָבען זייא איהם פֿאָרגעשטעללט דיא אידען? דער אָבער־פּראָקוראָר פֿון סוויאַטיישען סינאָד[15] פּאָבעדאָנאָסצעוו (ימח שמו וזכרו) איינער פֿון דיא גרעססטע הינד אין רוססלאַנד, דער וואָס איז געוועזען דער גלאַוונער יורעק[16] בײַא דעם געשטאָרבענעם קיסר האָט געגעבען וועגען אידען אַזאַ מיינונג: „אידען זענען פּאַראַזיטען, זעצט זייא אַוועג אויף אַ הויכען שטיין, וועלען זייא אויסשטאַרבען״. דער טײַטש פֿון דעם איז אַזוי, אַז אידען קעננען מעהר ניט לעבען פֿון פֿרעמדע פּראַצע. נעמט פֿון זיי צו אָט דיא מעגליכקייט אונ זייא וועללען אויסשטאַרבען. איהר הערט דבורים? אַללע אידען לעבען פֿון פֿרעמדע פּראַצע! איהר אַללע שנײַדער, שוסטער, וועבערס, שטעפּער, שלאָסאַרעס, קליינע געשעפֿטסלײַט (אונ זיי זענען דאָך די גרעסטע טהייל אידען), וואָס איהר ווערט פֿערשוואַרצט אונ פֿערפֿינסטערט אײַער גאַנץ לעבען, פֿערדיענענדיג דיא שטיקעל חיונה, איהר לעבט פֿון פֿרעמדע פּראַצע, און פּאָבעדאָנאָסצעוו דער מענשען פֿרעססער, וואָס נעמט טויזענדער רובל אַ יאָהר געהאַלט אונ טאַקי אידיש געלד (וואָרען[17] פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס זײַנע שזאַלאָוואַניע?[18] פֿון דיא אָבצאָהלונגען אונ אידען צאָהלען דאָך גלײַך מיט

---

11 „אַלאַוואַשזען״ מוז זײַן אַ טעות; אפֿשר „אוואַזשען״ (רוס׳) אין זינען פֿון רעכענען זיך, רעספּעקטירן?

12 טראָנפֿאָלגער, יורש־עצר.

13 לאַגע.

14 בעלי־יועצים.

15 אַלהיילִיקער סינאָד.

16 הויפּט־יועץ.

17 ווײַל.

18 שכירות.

קריסטען,) ער לעבט פֿון זיין אייגענע פראַצע? נאָר אפשר רעדט ער דאָ פֿון עקספּלואַטאַציע (לעבען פֿון פרעמדע מיה) אין כלל? נאָר אויב אזוי איז נאָך א גרויסע קשיה, ווער עס עקספּלואַטירט מעהרער, אידען אָדער קריסטען? וועגען רוססלאַנד איז דאָך קיין רייד ניט דאָ, דאָרטען זענען דאָך דיא גבירים דורכאויס קריסטען, נאָר נעמט אפילו די אידישע שטעדט אין פוילען און אין דער ליטע, ווער זענען אין יעדער שטאָדט דיא גרעסטע גבירים? אַלץ קריסטען. אין יעדער שטאָדט וועט איהר געפינען קריסטען—פריצים, וואָס יעדער זייער מאַיאָנטיק בעטרעפט גרויסע אידישע געשעפטען; און נעמט אפילו בעלי מלאכות: שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, שלאָססאַרעס (בעלי־בתים ניט קיין אַרבייטער) זענען אַלץ צווישען זייא דיא קריסטען רייכער פֿון דיא אידען. און געוויינטליך זענען זייא רייך ניט פֿון אייגענע פראַצע, נאָר פֿון דיא אַרבייטער, היינט ווער רעדט וועגען דיא קרעמער? אַללע ווייססען, אז ביי דיא קריסטען איז אַללע סחורות טהייערער וויא ביי די אידען, אז אידען בעניגענען זיך מיט קלענערע פֿערדיענסטען וויא דיא קריסטען. ניין, ניט דיא אידען זענען פּאַראַזיטען, נאָר דיא אידישע קאַפּיטאַליסטען, אָבער אַלץ ניט קיין גרעסערע, וויא דיא רוססישע. ניט אידען דאַרף מען אַוועג זעצען אויף א שטיין, נאָר קאַפּיטאַליסטען בכלל, אי קריסטליכע, אי אידישע, מיט פּאָבעדאָנאָסצעוון צוזאַמען (ד. ה. אַוועקנעהמען פֿון זייא דיא קאַפּיטאַלען, מיט וועלכע זייא עקספּלואַטירען דיא אַרבייטער) און דאַנן וועללען זייא געוויס אויסשטאַרבען. היינט וויא באַלד אזוי, טי פֿון וואַנען שטאַמט דער מיינונג, אַז מעהר ניט אידען, און אַללע אידען זענען פּאַראַזיטען? עס איז לייכט צו פֿערשטעהן, אַז דער רייכער רוססישער קלאַסס האָט דאָס געמיזט אויסטראַכטען, וואָרען מען האָט דאָך געדאַרפֿט האָבען איין אָסנאָוואַניע,[19] אויף וועלכע מען האָט געקענט בעטען פּראַוויטעלסטווא,[20] אַז זי זאָלל רודף זיין דיא אידען. מיר האָבען געזאָגט, אַז פּאָבעדאָנאָסצעוו איז געוועזען דער גאַנצער יועץ (ער פֿלעגט מיט אים האַלטען זיך עצות) ביייא דעם געשטאָרבענעם קיסר. היינט אַז ער האָט פֿאַרווינט דיא אידען אין אזא וויעג איז דאָס געוועזען ביייא דעם געשטאָרבענעם קיסר קדש־קדשים (הייליג) און מיר זעהען טאַקי אַרויס, אַז דער מיינונג, אַז אידען זענען פּאַראַזיטען, איז דער פֿונדאַמענט, אויף וועלכען עס זענען געבויט געוואָרען אַללע גזירות אויף אידען. מיר האָבען ערקלעהרט, פֿון וואַנען שטאַמט דער מיינונג, אָבער וויא דיא מעשה איז, אבי דער מיינונג האָט געבראַכט א גרויסען נוטץ דיא רוססישע פּראַוויטעלסטווא און דאָס איז דיא פריצינע, פֿאַר וואָס זיא האָט זיך אזוי פֿעסט געהאַלטען פֿאַר איהם. יעדער ווייס וויא שלעכט עס לעבט זיך דעם אָרעמאַן—דעם פויער, דעם אַרבייטער אין רוססלאַנד. אימעטים איז דעם אָרעמאַן שלעכט, אָבער אין ערגיץ ניט אזוי וויא אין רוססלאַנד; נאָך מעהרער וואָס פֿון טאָג צו טאָג ווערט איהם דאָ אַלץ ערגער; ביים פויער פֿערקויפֿט מען דיא לעטצטע קיה פֿאַר פּאָדאַטקעס. היינט פֿערשטעהט זיך, וואָס דער פויער ווערט אָרעמער און אַלץ מעהרער אונצופֿריעדען פֿון דער מלוכה, וואָס זי לאָזט איהם אזוי פֿאַללען. אזא אונצופֿרידענהייט איז זעהר געפֿאָהרליך פֿאַר פּראַוויטעלסטוואָ, דעראיבער האָט דיא רוססישע פּראַוויטעלסטוואָ געזעהן אַלליין צו פֿערשפּרייטען צווישען רוססישען נאַראָד[21] אזא מיינונג, אַז אידען זענען פּאַראַזיטען און דער גאַנצער אונגליק פֿון רוססישען נאַראָד שטאַמט נאָר פֿון אידען. מיט וואָס פֿאַר א ספּאָסאָב[22] האָט פּראַוויטעלסטוואָ פֿערשפּרייט אין נאַראָד דעם מיינונג? ביייא אונז אין רוססלאַנד איז א מאָדע, אַז קיין טשינאָווניק[23] טאָהר ניט האָבען זיין אייגענעם מיינונג וועגען וואָס עס איז, ער דאַרף טאָהן אַלץ, וואָס עס הייסט איהם זיין נאַטשאַלניק.[24] דעראיבער הערט זיך יעדער טשינאָווניק צו, צו דעם דוך פֿון זיין נאַטשאַלניק. אויב יענער זאָגט, דהיינו, אַז בילדונג איז א גוטע זאַך,

---

19 א גרונד.

20 רעגירונג.

21 פֿאָלק.

22 א מיטל.

23 מלוכה־באַאַמטער.

24 שעף, פֿאַרוואַלטער.

דארף ער שרייען: גוואלד, בילדונג! ער דארף זעהען ווערען א מחותן צו א־נ־א־צילישצע[25] אונ געבען אויף איהר א שאהנע נדבה. הערט ער חס—ושלום, אז בילדונג איז א פאסקידנע זאך, דארף ער אנהייבען שרייען, אז דער גאנצער אונגליק אין דער גאנצער וועלט קומט ארויס פון בילדונג, ער דארף זיך אבטרייסלען פון בילדונג, וויא א פרימער איד פון זיינע עבירות ביים תשליך. מיט איין ווארט, יעדער ציניאווניק אין רוסלאנד איז א־נ־אמת׳ער שפיגעל, ער לאכט, אז זיין נאצאילניק לאכט, ער וויינט, ווענן יענער מאכט א קרימע מינע. דער נאצאילניק ווידער, קיקט אויף העכער אונ אזוי געהט דאס ווייטער. הייינט, אז פון אויבען האט זיך א הער געטאהן א ווארט, אז אידען זענען פאראזיטען, האבען דיא גובערנאטארען אנגעהויבען צו שרייען! גוואלד! וואס טהוט מען מיט אידען? זייא זענען דאך אזעלכע פאראזיטען? דיא איספראווניקעס— דער גאנצער אונגליק פארן נאראד איז נאר פון דיא פארשיווע שזידעס, זייא עססען דעם מושזיקס ביין אונ פלייש. רבונו של עולם, וויא ווערט מען פטור פון זייא?! די סטאנאווע פריסטאוועס (אססעסארען) האבען שוין גאר ניט געוואוסט וואס צו טאהן מיט דיא אידען, צו אויפהענגען זייא אללעמען אויף איין שטריק, צו דערטרינקען זייא אין איין וואססער, עס איז עפיס א קליי־ניגקייט, אז אויך דער איספראווניק אונ דער גובערנאטאר (דער גובערנאטאר אליין!!), הייינט וואס דארף שוין טאהן דער אורריאדניק, דער וואלאסטנאיער שרייבער? וויא נאר דער פויער פלעגט זיך אנהייבען קלאגען, אז ער קען ניט צאהלען אזוינע גרויססע פאדאטקעס, וואס ליגען אויף איהם, ווי נאר דער ארבייטער פלעגט זיך אנהייבען קלאגען, אז עס איז איהם שלעכט, פלעגט מען איהם ענטפערן, אז אין דעם איז אלץ שולדיג דער איד. דיא פאפעס אין דיא צערקווס, דיא לעהרער אין דיא קלאססען (סעלסקע און נארודנע ארצילישצעס) האבען זיך פעראייניגט מיט אללע איבריגע רוססישע ציניאווניקעס אונ מיט דיא רוססישע קאפיטאליסטען אין דעם געשרייא, אז אידען זענען פאראזיטען אונ מען דארף זיי רודף זיין עד חרמה (ביז גאר). הייינט אז דער פראסטער נאראד האט דערהערט דעם געשרייא, האט ער גאנץ איינפאך געענטפערט: עס איז אמת: אז דער גאנצער אונגליק קומט ארויס פון אידען, ס׳איז שוין גאנץ רעכט! אונ עס האבען זיך אנגעהויבען דיא פאגראמען... אידישע בלוט האט זיך געגאססען טייכען ווייז.. אונ אין דעם איז א סך שולדיג געוועזען דער געשטארבענער קיסר מיט דעם יועץ. זייא ביידע האבען געטרינקען אידישע בלוט אונ האבען דערפון געקליבען חיות, וויא פון דיא בעסטע משקה. מיט דיא פאגראמען האבען זיך מעהר ניט אנגעהויבען דיא רדיפות אויף אידען. אין א קורצע צייט נאך דעם (דען 3. מאי 1882) זענען ארויס גזירות אויף אידען: אז קיין נייע אידען טארען זיך ניט באזעטצען אין דארפער אונ דיא, וואס וואהנען שוין דארטען, טארען קיין שיינקען ניט האלטען, אז אידען טארען ניט האבען קיין שום שייכות צו ערד. זייא טארען איהר ניט קויפען, זיי טארען איהר ניט נעהמען אין ארענדע. *) וואס פאר א שכל, פרעגט זיך, ליגט אין דיא אללע גזירות? אונזער באדעמהארציגע פראוויטעלסטווא האט געוואלט באשיצען דיא פויערין אונ דיא פאמעשציקעס פון דיא אידישע עקספלואטאציע—נוא, וואס איז דיא עולה? רוסלאנד האט א טרייע מוטער, וואס זיא שלאפט ניט קיין נעכט אונ טראכט וועגען איהרע קינדערליך וועגען דעם ארעמען רוססישען נאראד, וועגען דיא פויערין; דיא טרייע מוטער זעהט, אז אין איהר טייער קינד האבען זיך איינגעגעססען דיא שזידעס, דיא פאראזיטען: זיי עססען איהר פלייש אונ טרינקען איהר בליט, הייינט וויא זאלל זיא איהר ניט ראטעווען פון זייא, איהר טייער קינד. דער רוססישער נאראד (המון־עם, דער פראסטער עולם) טרינקט צופיעל בראנפען. ווער איז אין דעם שולדיג די אידען, נאר אידען: קיין איד טאר זיך ניט חס־ושלום בעזעטצען אין א דארף אונ ווער עס וואהנט שוין דארטען, טאהר חס־ושלום ניט האלטען קיין שיינק. נאר באַרעמ־

---

25 א לערן־שול.

*) אין זאקאן שטעהט, אז אידען מעגען האלטען שינקען אין דיא דערפער מעהר ניט אויף אייגענע ערד, אבער אזוי וויא אידען טארען שוין ניט קויפען קיין ערד ביי פויערין אדער פאמעשציקעס פון יאהר 1861, דעראיבער האבען דיא אידישע ישוב׳ניקעס ניט קיין אייגענע ערד אונ אלזא, טארען זייא נאך דעם זאקאן ניט האלטען קיין שינקען.

האַרציגע מוטער, אויב דיא האָלסט דיא רוססישע פויערין טאַקי פֿאַר דיינע געטריַיע קינדער און דיא ווילסט, אז זיי זאָללען גאָר אין גאַנצען אויפֿהערען צו טרינקען בראָנפֿען, האָסט דיא געדאַרפֿט ארויסגעבען אַ זאַקאָן, אז בראָנפֿען זאָל ניט דערמאָנט ווערען אין דיין לאַנד, אז מען זאָל דאָס גאָר ניט אויסארבייטען אין דיין גאַנצע מדינה און פֿון אויסלאַנד ניט לאָזען ברענגען. בייא דיר איז דאָך קיין זאַך קיין קונץ ניט, דאָס גאַנצע פֿאָלק איז דאָך בייא דיר אין דער האַנד כחומר ביד היוצר, וואָס דיא ווילסט דאָס טהיסט דיא מיט איהם. אָבער אזא מיטטעל, משמעות, געפֿעהלט דיר ניט. דיא און מיר וויססען גאַנץ גוט, אז איין דריטטעל פֿין דיינע הכנסה בעקיממסט דיא פֿין אקציז אויף בראָנפֿען.*) אז דיא האָסט דרייא פאַלאַצען, (און דיא האָסט דאָך אַ סך מעהרער) איז איין פאַלאַץ אויפֿגעסטרויעט[26] געוואָרען פֿון בראָנפֿען אקציז, אז אויב דיא מאַכסט זיך אַ גוטען מיטטאָג (און אַללע אידען און גוים וויססען, אז דיא האָסט דאָס גאַנץ ליעב) איז אַ דריטטעל מיטטאָג געקויפֿט געוואָרען אויף דעם אקציז פֿין בראָנפֿען. אז יעדער אָיעמער פויער טרינקט אויס אַ גלעזעל בראָנפֿען, קימט בייא דיר אין קעשענע צו 4 קאָפּ.**) הונדערט גלעזליך בראָנפֿען איז דאָס 4 רובל. הייַנט, ווער זאָגט זיך דאָס אָב פֿין אזא פֿעטען ביינדעל? דאָס וואָס דער נאַראָד שיכורט אַארט אונזער פראַוויטעלסטוואָ גאַנץ ווייניג, פֿערקעהרט, זיא וואָלט וועללען, מען זאָל נאָך מעהרער שיכורן, וועללען דאָך מעהרער 4 קאָפּיקענע פֿליהען אין קאַזנאַ, וועט מען דאָך קענגען אויסהאַלטען מעהרער מיליטער און נאָך אַ גרעסערע באַנדע צינאָווניקעס, און צאָהלען זייא נאָך גרעסערע שזאַלאָוואַניע און אַללע לעבען נאָך אַ בעססערען טאָג.

וויַיטער, אויב אונזער פראַוויטעלסטוואָ איז טאַקי אין אמת׳ן אזוי געטריַיא צו דיא פויערין, פֿאַר וואָס שעמט זיא זיך ניט צו נעהמען פֿין אַ חעלפֿט ביז צוויי דריטטעל פֿין דיא גאַנצע תבואה, וואָס זייא שניידען אָב צו זיך אין קאַזנאַ, לויטער אַלס פאָדאַטקעס און אקציז, פֿאַר וואָס שעמט זיא זיך ניט צו נעהמען כמעט צוויי דריטטעל פֿין דיא גאַנצע הכנסה, וואָס זיא האָט, פֿין דיא פויערין און אַרבייטער, וואָס שטאַרבען כמעט שטענדיג פֿין הונגער? יע, דאָס

*) אָט איז איניגע ציפֿפֿערן, וועלכע וויַיזען אַ וויפֿיל׳ט חלק פֿין דער גאַנצער הכנסה פֿין דער מלוכה איז בראָנפֿען אקציז.

| אים יאָהר | איז געווען דיא גאַנצע הכנסה פֿין דער מלוכה | און דיא הכנסה פֿין בראָנפֿען אקציז איז געווען |
|---|---|---|
| 1883 | 700 מיליאָן רובל | 252 מיללייאָן רובל |
| 1884 | 706 „ „ | 243 „ „ |
| 1885 | 764 „ „ | 231 „ „ |
| 1886 | 770 „ „ | 236 „ „ |
| 1887 | 829 „ „ | 257 „ „ |
| 1888 | 898 „ „ | 264 „ „ |
| 1889 | 927 „ „ | 274 „ „ |
| 1890 | 943 „ „ | 268 „ „ |
| 1891 | 894 „ „ | 247 „ „ |
| 1892 | 970 „ „ | 268 „ „ |
| 1893 | 1040 „ „ | 257 „ „ |

26 אויסגעבויט.

**) דער אקציז אויף אַ קרוצאָק[27] (אַ הונדערט חלק פֿין אַ וויעדראַ[28]) פֿערציגער (40 גראַדיגער) איז 4 קאָפּ. אויף אַ קרוצאָק זעכציגער איז 6 קאָפּ. אויף אַכטציגער איז 8 קאָפּ. א. ד. ג.

27 „קרוצאָק״—פֿאָלקסטימלעכער נאָמען פֿאַר אַ גלעזל בראָנפֿן.

28 אָן עמער.

דערלאָזט אונזער בארעמהארצינע פּראוויטעלסטוואָ, אונ דער אידישער שיינקער שטעהט איהר אין האלז! דאָס איז אויף נאמנות אלץ איינס ווי הרג׳ענען א מענשען און דערבייא אוועק לייגען גרויססע סטאראניע,[29] אז בייא דעם געהרג׳עטען זאָל זיך די מאנישקע, חס־ושלום, ניט פּער־שמוטצען. אָי, רוססישע פּראוויטעלסטוואָ, בארעמהארציגקייט איז דאָ אין דיר א סך! קיין עין הרע זאָל דיר ניט שאדען!... נאָר טאָמער זענען טאקי דיא אידישע שיינקארעס אזוינע פּארא־זיטען, אז עס איז גענוג ארייַן צו קריכען צוא זייא מיט א פּיסעל אונ שוין ניט ארויס צו קריכען? אין דער אמת׳ן איז בעוואוסט, אז אין ליטע, פּוילען אונ מאלאָראָססיען, וואו אידען זענען שיינקארעס, טרינקען דיא פּויערין ווייניגער וויא אין ראססיע, וואו דיא שיינקארעס זענען דורך אויס פּאָינעס. נאָר אפשר קליגען זיך דיא אידען פֿין ווייניג בראָנפֿען אָנציקלייַבען א סך עשירות? ווער עס האָט נאָר געזעהען דעם אידישען שיינקער אין דיא גרויססע שטיבאלעס, אין דער קאָרטענער קאפּאָטע מיט דעם שטעקען אין דיא הענד, געהענדיג צו פֿוס פֿין דאָרף אין שטאָדט (ווייַל קיין אייגענער פֿערד איז, לא עלינו, ניט דאָ, אונ דינגען איז אויך ניט דאָ פֿאר וואָס) אונ דער וואָס האָט געזעהען דעם גראָבינקען, רויטהינקען, פֿראָהליכען רוססישען שיינקער־קולאק, קוממענדיג אויף א פֿייַנעם פֿערדעל אין שטאָדט, דער קענן גלייַך ענטפֿערן, ווער קלויבט מעהרער עשירות פֿין פּויער, צו דער אידישער, צו דער רוססישער שיינקער.—הערט איהר, אָבער דאָ ליגט דער עיקר פֿין דיא גאנצע מעשה: אונזער פּראוויטעלסטוואָ, דער גע׳פּגר׳טער קיסר האָט תמיד געוואָלט, אז אין דיא דאָרפֿער זאָללען ניט זיטצען די אָרעמע, אויסגעדארטע ישובים, נור דורך אויס דיא רויטהינקע, גראָבינקע רוססישע שיינקארעס, זייא וועללען טאקי בעראבעווען דעם נאראָד ווי עס בעדארף צו זייַן, אָבער דאָס וועט דאָך אלץ בלייַבען צווישען אייגענע ברידער—צו קען מען זייא גלייכען צו א שזיד־פּארך, פּפֿע!... פֿארוועהרענדיג אידען האלטען שיינקען אין דיא דאָרפֿער, האָט אלעקס. דער 3טער מיט זייַן פּראוויטעלסטוואָ ניט בעשיצט דעם נאראָד, נאָר פֿארקעהרט, זייא האָבען איהם געמאכט אונטערטאָניג אונטער דעם רוססישען קולאק, וועלכער נעמט צו בייא דעם פּויער דאָס, וואָס פּראוויטעלסטוואָ לאָזט איבער. מיינט איהר אפשר, אז דער איד עקספּלואטירט ווייניגער וויא זייא אללייַן, איינער דעם אנדערען, ווייַל דער איד איז גוט אונ פֿרום? חלילה! אזא בלבול וועללען מיר אויף אונזערע אידען ניט אויסטראכטען. ווען זייא וואָללטען געהאט דיעזעלבע אוסלאָוויעס (אומשטאָנדען) וויא דער פּאָינע, דער קולאק, וואָללטען זייא זיך בייַא איהם ניט געדארפֿט געהן לערנען, נאָר דיא מעשה איז, אז דער איד האָט מורא אזוי פֿיעל צו בעראבעווען דעם פּויער וויא דער פּאָינע. אז א אידעל וועט לייַען א פּויער עטליכע רובעל אויף א משכון פֿאר גרויססע פּראָצענט, איז, געוויינטליך, אויב דער פּויער איז א שטיללער מענש, וועט ער בעקומען אי דעם קרן, אי דעם פּראָצענט, אויב אָבער דער פּויער איז א־נ־עזות פּנים, גיט ער א דאָפּטשע מיט׳ן פֿוס, אָדער ער לאָזט ארייַן דעם אידעל טאקי אין מאָרדע, דער אידעל וועט איהם אוועק געבען דיא פֿארמשכונטע סערמינגע, ער וועט זיך פֿראָהען, אז ער וועט בעקומען דעם קרן, וועגען פּראָצענט וועט ער שוין ניט ריידען. דער רוססישער קולאק וועט זיך פֿאר דעם פּויער גאָר נישט דערשרעקען: אז ער וועט איהם געבען איין מאָל אין מאָרדע, וועט ער בעקומען צעהן צוריק. דער איד ווייס, אז ער וועט קומען סאָנדען זיך[30] מיט׳ן פּויער, וועט מען דעם פּויער געבען שטענדיג גערעכט, אָבער דער קולאק האָט פֿאר דעם קיין מורא ניט; ער ווייס, דאָס אויפֿ׳ן סוד וועט ער זיך קעננען בעססער אויסטענה׳ען אונ אויב אויף דעם פּאפּיר איז בייַא איהם אלץ כשר וישר, וועט ער געוויס געווינגען, אחוץ דעם געגען דעם קולאק האָט דער פּויער אָפֿט מאָל גאָר קיין העזה ניט אָנצוגעבען אין סוד. ניט אומזיסט שרייַבען געוויססע מענשען, אז אין איינינע גובערניעס נעהמען רוססישע קולאקעס ביז 1000 פּראָצענט (אין פּסקאָווער גובערניע), 100 פּראָצענט, ד. ה. א רובל פֿאר א רובל דאָס איז א געוויינטליכער פּראָצענט בייַא דיא רוססישע קולאקעס, ווענן אידען וואָללטען פֿין די פּויערין

29 מי.

30 משפּטן זיך; „סאָנדען זיך״ איז זיכער ארייַנגעשטעלט פֿון די לעמבערגער זעצערס, אין אָריגינאַל איז מסתמא געווען „סודיען זיך״, ווי אין רוסיש.

גענומען א זעלכע פראצענטען, וואללטען זיך שוין לאנג זייערע פערעניס געטראָגען אין דער קופטען...—אויססערדעם, וואָס מען האָט אידען פֿארווערט צו בעשעפֿטיגען זיך מיט שיינקען, האָט מען זייא פֿערוועהרט צו נעהמען אין ארענדע ערד, דורך דעם איז שוין ממילא פֿארוועהרט געוואָרען קויפֿען ערד.*) וואָס האָט פראוויטעלסטווא מיט דעם געוואָלט אויפטאָהן? אידען פֿלעגען נעהמען ערד אין ארענדע אונ פֿלעגען איהר בעארבעטען מיט געדונגענע פויערין, אָדער זייא פֿלעגען דינגען א גאנצע אימעניע (א הויף) אונ דערנאָך שטיקלעכווייז איהר פֿערדינגען דיא פויערין. מיט דעם, וואָס מען האָט פֿארוועהרט אידען דינגען אימעניעס, האָט פראוויטעלסטווא געטאָהן א רעה דיא פאָמעשציקעס, ווייל וואָס מעהרער מענשען זאָללען וועללען דינגען דיא אימעניעס, וועללען זייא אלץ א גרעססערע ארענדע בעקומען פֿאר זייא. דיא פאָמעשציקעס פֿון דיא היגע קאנטען קלאָגען טאקי אין דיא הויפֿען זייט מען האָט אידען פֿארוועהרט דינגען אימעניעס. נאָר אז פֿאר היא פאָמעשציקעס איז דאָס א רעה, טי וואָס־שזע דען האָט געמיינט דיא פראוויטעלסטוואָ? אהא! מיר האָבען זיך שוין געחאפט! אונזער פראוויטעלסטוואָ איז דאָך א בארעמהארציגע, מסתמא האָט זיא געמיינט דעם פויערס טובה, זי שרייא דאָך געוואלד, אז דאָס איז איהר טייערעס קינד (אָדער געגוויער גערעדט, דאָס איז איהר טייערע מעלקעדיגע קיהע). פֿערשטעהט איהר מיך, אידען דינגען דיא ערד בייא פאָמעשצקעס אונ זיא פֿערדינגען דאָס דיא פויערין, אזוי וויא זוי נייטיגען זיך זעהר אין דיא ערד, ווייל אייגענע איז פֿאראן זעהר ווייניג אונ אזוי וויא דינגען ערד, מיזען זייא בייא דיא שכנ׳ישע פריצים, וואורען ווייט פֿון זייערע אייגענע לוינט זייא ניט, דעראיבער רייסט מען פֿון זייא א פאסס פֿאר יעדער שטיקל ערד. געוויינטליך, אז דיא ערד דינגט איהר בייא דעם פאָמעשציק אונ דער פויער בייא דעם אידען, צאָהלט ער געוויינטליך טהייערער וויא ווען, ער וואָלט געדונגען גלייך ביים פריץ. אלזאָ האָט אונזער פראוויטעלסטוואָ געמיינט, אז מען וועט פֿארוועהרען דיא אידען דינגען הויפֿען וועט דאָך דיא ערד שוין ניט דורך געהן דורך 2 הענד, דאנן וועט זיא דעם פויער קאָסטען בילליגער. אמת, אָבער זייט־שזע מוחל, פֿאָינע פאָבעדאָנאָסצעוו (דאָס וואקסט דאָך אלץ פֿון זיין טרפה׳נע קאָפּ) ווער האָט דאָס אייך געזאָגט, אז מעהר ניט וויא אידען הוייססען דעם סוחר, אז דינגען בייא א פאָמעשציק ערד פֿאר א בילליגען מקח אונ דערנאָך פֿין האנד אין האנד פֿערדינגען די פויערין טהייערער איז א גוטע זאך—א מיטטעל אָן ריזיקא צו פֿערדינען א שאָהנעם גראָשען? איהר מעגט מיר גלויבען, אז דיא רוססישע קולאקעס, ווייססען שוין גאנץ לאנג פֿין דעם סעקרעט אונ פֿערדינען אללע יאָהר ניט איינע הונדערט רובל פֿין דעם געשעפֿט, אונ אויב איהר גלויבט מיר ניט, וואָלט איך אייך געראטהען דורך לעזען איניגע ביכער, וואָס ווייזען, וויא דער מסחור איז גרויס אימענגא[31] אין ראסס׳ע, אונ וויא באלד אז אייערע ברידער ווייססען פֿין דער קינק, מעגט איהר זיכער זיין, אז זייא פֿערדיענען פֿין דעם פויער אין דיעזעם פֿאלל ניט וועניגער וויא דער איד, אונ אפשר טאקי נאָך מעהרער, טאָמער מיינט איהר מיט אייער געשטאָרבענעם בעל־הבית, אז איהר וועט דערמיט אויסהיילען אייער קראנקע מעלקעדיגע קיהע, זאָג איך אייך באמנות, אז דאָס וועט איהר העלפֿען וויא א טוידטען באנקעס.

אז דער געשטאָרבענער קיסר מיט זיין לעבעדיגען יועץ האָבען ארויסגעראטעוועט דיא פויערין פֿין אידישע הענד, האָבען זייא זיך גענומען ראטעווען דיא אללע איבריגע אונטאָנער [אונטערטעניגע]. אלעקס. דער 2טער האָט ערלויבט אידען בעזוכען דיא גימנאזיעס אונ דיא אוניווערזיטעטען אלץ איינס וויא קריסטען, אונ עס פֿערשטעהט זיך, אז ער האָט אזוי געמיזט טאָהן. ווער עס האָט א ידיעה, וואָס פֿאר א דזיקע לאנד רוססלאנד איז געווען אין ניקאָלאי דעם 1סטענס צייטען, דער קענן פֿערשטעהן, וויא רוססלאנד האָט זיך גענעטיגט אין דאָקטוירעם, אדוואָקאטען, אינשזעניערען א. ד. ג. אונ דאָס איז ניט געווען אזא זאך, וואָס זיא האָט מיט דעם

*) קויפֿען ערד האָבען אידען, וויא מיר האָבען פֿריהער ערקלערט, ניט געטאָהרט שוין פֿין יאָהר 1861 אָן, נאָר ביז עס איז ארויס דער זאקאָן פֿין 3. מאי 1882 פֿלעגען אידען נעהמען ערד אין ארענדע אויף 99 יאָהר אונ דאָס איז שוין געווען אלץ איינס וויא געקויפֿט.

31 רוס׳ именно—גראָד, דווקא.

נעקענט ווארטען, דאס האט זיא שוין געדארפט האבען. פאר ניקאלאיען פלעגט מען אין סוד קיין דיעלעס ניט ראזבירא־יענען[32] פאר א פובליקע! דערמאנער [דער מאנער] פלעגט אלץ פאר־לייגען אויפ׳ן פאפיר, דער אנגעקלאגטער פלעגט אויך דארפען אויף דעם פאפיער זיך פערענטפערן. דיא סודיאען[33] פלעגען לויטער נאך דיא פאפיערען זעהען ווער עס איז גערעכט און ווער אונגערעכט, אבער באלד נאך דעם וויא אלעקס. דער 2טער איז געווארען קיסר, האט מען אין גאנץ רוסלאנד געעפנעט א קרוזשנע סודען, סודעבנע פאלאטעס, מיראוואיע סודען און מיראוואיע סיעזדען,[34] וויא דיא דיעלעס ראזביראיעט מען אפענער הייט; דא דארף מען האבען אדוואקאטען צו זאשציצאיענען[35] ביידע צדדים (דעם אנגעקלאגטען און דעם מאהנער) היינט שטעלט זיך פאר, וויפיעל אדוואקאטען האבען זיך מיט א מאל געפאדערט, אז עס האבן זיך געעפענט אזוי פיעל סודען. אין דער צייט, וואס אלעקסאנדער דער 2טער איז געווען קיסר, האבען זיך אויסגעסטרויעט דאס מעהרסטע טהייל פון דיא רוססישע אייזענבאהנען, און דערצו האט מען געדארפט האבען זעמליעמעירען, אינזשענירען און אנדערע געלעהרנטע מענשען, און אויך אפילו אין א קורצע צייט. אויססערדעם האט זיך געטרעבעוועט[36] אסך דאקטוירעם, אפטייקארעס, ווייל דיא מלוכה האט געדארפט בעזארגען, אז דיא מעלקעדירנע קיה זאלל זיין געזונד און זאלל חס־ושלום ניט אויפהערען צו געבען מילך.

דעראיבער איז קיין וואונדער ניט, אז אלעקס. דער 2טער האט דערלאזט אידען צו דיא גימנאזיעס און אוניווערזיטעטען גלייך מיט דיא קריסטען. אונזערע אידען האבען זיך פעסט גענומען צו בילדונג. מיינט איהר אפשר, אז דיא גייסטליכע שטרעבונגען זענען ביי אידען געווען אזוי גרויס! נייך, בילדונג איז טאקי געווען א גאנץ גיטער געשעפט. אט וויא דיא מעשה איז, מען שטופט דורך דיא גימנאזיע און דעם אוניווערזיטאט, דערנאך ווערט מען א מענש, מען פערדיענט א שאהנעם גראשען און מען נעמט נאך א פיינעם נדן דערצו. בעלי־בתישע מענשען (דיא מיטטלערע קלאסס מענשען) האט זעהר געלוינט אוועק צו געבען זייערע קינדער אין דיא גימנאזיעס, וואורין געהענדיג אויף דעם וועג, האבען זייא גיכער געקענט האבען חיונה, וויא בלייבענדיג א סוחר; כדי צו זיין א יוריסט, א דאקטאר, א אינזשינירער, דארף מען קיין קאפיטאלען ניט האבען, און מען לעבט אפט מאל ניט ערגער וויא א קאפיטאליסט. פון קליינע געשעפטען קענן מען דאך קיין גליקען ניט האפען און וואס ווייטער לעבט זיך דעם קליינעם געשאפטסמאנן אלץ ערגער, דעראיבער האבען דיא קליינע און מיטטלע געשאפטסלייט ניט געוואלט, דאס זייערע קינדער זאללען בלייבען ביי זייערע געשאפטען; געבען זייערע קינדער אזוינע קאפיטאלען, אז זייא זאללען קעננען ווערען גרויססע סוחרים, האבען זייא ניט געהאט בכח, דעראיבער פלעגען זייא גערען אוועק געבען זייערע קינדער אין דיא גימנאזיעס. דאס איז געווען א קרן קימת, וואס דיא מיטעלע מענשען פלעגען געבען זייערע קינדער אנשטאט נדן. וואס מיט א יאהר ווייטער פלעגען אלץ מעהרער אידישע קינדער בעזוכען דיא גימנאזיעס; אין ווילנא איז געווען א גימנאזיע, אין וועלכע עס זענען געווען כמעט דורך אויס אידען (די צווייטע גימנאזיע). אין דערזעלבער צייט, וואס אידען האבען זיך אזוי האסטיג גענוממען צו בילדונג, האבען זיך קריסטען גענוממען צו דערזעלבער זאך מיט ניט ווייניגער האסט. דיא מעשה דערפון איז געווען אזוי: וויבאלד עס האט עקזיסטירט פאנסטשיזנע, האט דער רייכער קלאסס אין רוסלאנד—דאס זענען געווען דיא פריצים—ניט געדארפט זארגען פאר זייערע קינדער מיט חיונה. יעדער פריץ האט געוואוסט, אז פאר זיינע קינדער זענען אנגעגרייט קנעכט, וועלכע וועללען דעם גאנצען לעבען הארעווען פאר זייא, ער האט געוואוסט, אז זיינע קינדער וועללען אויך זיין אימשטאנדע לעבען א גוטען טאג וויא ער אלליין; אבער ווען מען האט בעפרייט דיא פויערין, זענען דיא פאמעשציקעס שוין

---

32 אין געריכט קיין ענין ניט באהאנדלען.

33 די ריכטער.

34 פארשיידענע מינים פון געריכט־אנשטאלטן אין רוסלאנד.

35 פארטיידיקן.

36 געפאדערט.

ניט געווען אזוי פֿערזיכערט מיט חיונה פֿאר זייערע קינדער, אללע ווייססען, אז דיא פּאמעש־ציקעס ווערען וואס א יאהר אלץ אָרעמער, דאס איז געווען דיא פּריצינע, וואס דיא רוססישע דוואָריאַנעס האבען זיך מיט אזא האסט גענימען צו בילדונג. פֿאר רוססען איז בילדונג א סך א בעססער געשאֶפט וויא פֿאר דיא אידען: ביַיא זייא א געבילדעטער מענש קענן נעהמען דיא בעסטע שטעללע אין דער מלוכה. אָבער פֿאר א יאהר 20, וויא מען האט זיך גענימען צו בילדונג איז דאָ געווען מערקווירדיג: פֿין איין זיַיט האט דער עולם אלץ מעהרער גגעבען דיא קינדער אין דיא גימנאזיעס און פֿון דער אנדערער זיַיט, האט זיך נעהערט קולות, אז אין רוססלאנד איז דאָ צופֿיעל געבילדעטע מענשען, אז פֿין בילדונג קענן מענן קיין חיונה ניט האבען. איהר הערט, אפֿילו קיין חיונה ניט האבען!! אין א קורצע ציַיט ארים זענען דיא שטיממען איבערגע־גאנגען אין א גרויססען געשרייא איבער גאנץ רוססלאנד. איהר מיינט מסתמא, אז אין רוססלאנד איז דאָ אין יעדער דאָרפֿעל א דאָקטאָר מיט א־נ־אפּטייק, אז אין יעדער שטעדטעל זיטצט א יוריסט, וועלכער גיט עצות דיא פּויערין אין אללע זייערע סודען, איהר מיינט, אז אין יעדער דאָרפֿעל זיטצען אינזשעניערען אגראָנאָמען (א שפּעציאַליסט אויף ערד־ארבייט), וועלכע געבען דעם פּויער עצות, וויא צו מאַכען דיא ערד פֿרוכטבארער? אויב איהר מיינט אזוי האט איהר א גרויססען טעות. איהר קענט נאָך ביַיא היַינטיגען טאָג דורך פֿאָהרען זיך כמעט דורך אללע רוסישע דאָרפֿער און זאָלל מיר אָסור זיַין אויב איהר וועט דאָרטען געפֿינען א דאָקטאָר. דיא פּויערין אין רוססלאנד קורירען זיך נאָך ביַיא היַינטיגען טאָג ביַיא זנאַכערס, באָבעס, און זייא פֿאַללען טאַקי וויא דיא פֿליעגען. רוססלאנד איז דאָס ערסטע לאַנד אין איירָאָפּא נאָך דעם צאָהל מענשען, וואָס שטאַרבען פֿין יעדערע הונדערט אַללע יאָהר. היַינט וואָס איז דער וואונדער, אז פֿין דיא פּויערין שטאַרבען אויס אזוי פֿיעל. אמת, אין דיא גובערניעס, וויא עס איז פֿאראַן א זעמסטווע, איז דאָ אביסעל מעהרער דאָקטוירים, וואָס קורירען דיא פּויערין אָן געלד (זעמסטוואָ צאָהלט זייא), אָבער אפֿילו דאָרטען איז נאָך אויך וויַיט דערפֿין, אז דיא פּויערין זאָללען האָבען אזוי פֿיעל דאָקטוירים וויפֿיעל זייא דארפֿען. היַינט ווער רעדט שוין וועגען יוריסטען, פֿין זייא איז דאָך אין דיא שטאָדטליך און אין דיא דאָרפֿער אפֿילו קיין זכר ניט דאָ. אין יעדער שטאָדט'ל קענט איהר געפֿינען א פּראָשענקע־[37]שריַיבער, געוויינליך—א־נ־אונגעביל־דעטער מענש, און דוא פּויערין מיזען זיך באגעהן מיט זיַינע עצות. נאָך וועניגער וועט איהר געפֿינען אגראָנאָמען־אינזשעניערען. היַינט וויא באלד, אז אין דיא רוססישע דאָרפֿער און אפֿילו אין דיא קליינע שטאָדטליך זעהט מען קיין געבילדעטען מענשען אפֿילו אויף א רפֿואה ניט, טו, וויא זענען דאָס דיא גאנצע סך געבילדעטע מענשען? זייא האָבען זיך אללע צוזאממען געקליבען אין דיא גרויססע שטאָדט, אָבער רוססלאנד בעשטעהט דאָך נאָך עד היום פֿין דאָרפֿער און ניט פֿין שטאָדט. 80 מיללייאָן איַינוואָהנער פֿין רוססלאנד זענען דאָרפֿס־ליַיט און אין דיא שטאָרט זענען מעהר ניט וויא 20 מיללייאָן, היַינט וויא באלד דיא גראָססע טהייל איַינוואָהנער דארפֿען האָבען דאָקטוירעס, יוריסטען און האָבען זייא ניט, טו, ווי־זשזע קענן מענן דאָס זאָגען, אז אין רוססלאנד איז פֿאראַן צופֿיעל געבילדעטע מענשען? דיא מעשה איז גאָר איינפֿאַך. קיין דאָקטאָר געהט ניט אומזיסט צו א חולה, קיין יוריסט גיט ניט אומזיסט קיין עצה, און האלט ניט אין סוד קיין רעדע אומזיסט; צו בעניטצען דעם דאָקטאָר, דעם יוריסט, דארף מען האָבען מיט וואָס איהם צו בעניטצען.[37a] אונזער פּראַוויטעלסטוואָ האָט געעפֿנעט גימנאזיעס און אוניווערזיטעטען, אקאַדעמיעס, אין וועלכע עס לערנען זיך פֿיעל געבילדעטע מענשען, אָבער זיא האָט ניט געקענט בעזאָרגען, אז דער נאַראָד זאָלל האָבען מיט וואָס דיא געבילדעטע מענשען צו צאָהלען. פֿאר־קעהרט דיא רעגיערונג האָט אלץ געטאָהן, אז דיא עשירות זאָללען זיך אויפֿקליַיבען אין איינינע הענד, און דער נאַראָד זאָלל ווערען אָרעמער. אָט דאָס איז דיא פּריצינע, פֿאר וואָס דיא דאָקטוירעס וואָהנען ניט אין דיא דאָרפֿער, זייא זעהען, אז דאָרטען איז כמעט קיינער ניט אימשטאַנדע זייא צו רופֿען. דאָסזעלבע דיא יוריסטען. אָט דאָס איז דיא פּריצינע, פֿאר וואָס זייא ריקען זיך אלץ אין דיא גרויססע שטאָדט, דאָרטען וואָהנט דיא רייַכע קלאַסס, און דעראיבער

---

[37] געמיינט: „פּראָשעניע״=ביטע, ביטשריפֿט. [37a] באַצאָלן?

איז מעגליך צו האָבען פּראַקטיקע. אָט איז דיא פּריצינע, פֿאַר וואָס אין דיא גרויססע שטאָדט אַפֿילו, וויא עס איז פֿאַראַן דיא סך דאָקטוירעם און יוריסטען, שטאַרבען הונדערטער מענשען פֿאַר דער צײַט, ווײַל עס איז ניט דאָ פֿאַר וואָס זיך צו קורירען, הונדערטער דיעלעס ווערען פֿערשפּיעלט, ווײַל עס איז ניט דאָ פֿאַר וואָס צו דינגען אַ־נ־אַדוואָקאַט. נאָך דעם צאָהל מענשען, וואָס זענען אימשטאַנדע צו בעניטצען דיא געבילדעטע מענשען, איז טאַקי פֿאַראַן אין רוססלאַנד צופֿיעל געבילדעטע. אָט פֿין וואַנען עס שטאַמט דער געשרייא: „עס איז פֿאַראַן צופֿיעל געבילדעטע מענשען אין רוססלאַנד". ווי מיר האָבען געזאָגט, איז וואָס ווײַטער דער געשרייא געוואָרען אַלץ גרעססער, עס איז געקומען דערצו, אַז דיא געבילדעטע מענשען האָבען גענומען זוכען מיטטלען צו פֿערקלענערן אויף דיא קינפֿטיגע צײַט זייער צאָהל. הײַנט וויא מאַכט מען דאָס? „אידען זענען פּאַראַזיטען", איז אַרויס אַ בת־קול פֿין פּאָבעדאָנאָסצעוון מיט אַלעקסאַנדער דעם דריטענס קאַבינעט. מיר קעננען שוין זײַן זיכער, אַז זייא וועלען שוין געפֿינען אַ מיטעל ווי אונז לויז צו מאַכען פֿון זייא. און כּך־הוה, דיא גאַזעטען האָבען אָנגעהויבען צו שרײַען אין איין קול, אַז דיא יוריספּרודענץ געפֿינט זיך לויטער בײַא דיא אידישע אַדוואָקאַטען אין דיא הענדט, אַז דיא אידישע אַדוואָקאַטען זײַנען מאָשעניקעס,[38] אַז זיי נעהמען זיך פֿאַר אַלערליי לינקע דיעלעס.—„די מעדיצין, האָבען זיי געשריען, געפֿינט זיך אויך לויטער בײַ די אידען אין די הענדט און דעראיבער קענען די קריסטליכע דאָקטוירים קיין קאָפּ ניט אויפֿהייבען, דיא גאַנצע פּראַקטיקע געפֿינט זיך בײַא אידען". אין דעם, וואָס אַלע גאַזעטען האָבען געשריען וועגען אידישע אַדוואָקאַטען און דאָקטוירים, איז אַפֿילו ניטאָ איין וואָרט אמת. די געבילדעטע אידען זײַנען אין דער אמת'ן ניט קיין צאַצקעס, אָבער אין קיין פֿאַל ניט ערגער וויא דיא קריסטען, אי פֿין די, אי פֿון יענע גיט עהרליכע מענשען און פֿאַלשע, נאָר צו דען האָבען געפּרובירט די צײַטונגען, וואָס זײַנען אָנגעפֿאַללען אויף דיא געבילדעטע אידען, האָטשי איין מאָל אויפֿווײַזען, אַז דאָס, וואָס זיי ריידען איז אמת? חלילה! דאָס איז געווען גאַנץ איבריג, זיי האָבען געוואוסט, אַז דער גרעסטער טהייל געבילדעטע מענשען אין רוססלאַנד וועלען דאָס לייענען און לעקען דיא פֿינגער, וואָרום וואָס בײַא זייא איז געווען אויפֿ'ן לונג, איז בײַא די גאַזעטען געווען אויפֿ'ן צונג. ווײַטער זײַנען אויבען געזעסען אַ פּאָר מענשען, וואָס האָבען פֿון די ווערטער אַרויסגעזעהן, ווי ווײַט דער רוסישער נאַראָד (ד"ה דער רײַכער רוסישער קלאַסס) שטימט מיט זייא אין זייערע מיינונגען וועגען אידען, סוף כּל סוף האָבען זיך דיא רוסישע דאָקטיירים און יוריסטען דערשלאָגען צו דאָס, וואָס זיי האָבען געוואָלט, אין 1887 טען יאָהר איז אַרויס אַ זאַקאָן, אַז אין די גימנאַזיעס זאָל מען צו נעהמען אידען: אין אידישע שטאָדט—10 פּראָצענט אין אין די רוסישע שטאָדט—5 פּראָצענט; אין אין די אוניווערזיטעטען אויך פֿון 5 ביז 10 פּראָצענט, אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע—מעהר ניט ווי 3 פּראָצענט, אין די וואָיענע מעדיצינסקי אַקאַדעמיע, אין דעם נײַעם אַגראָנאָמישען אינסטיטוט און אין נאָך אַסך הויך־שוהלען, וועלכע אידען פֿלעגען בעזוכען, נעהמט מען איצט קיין אידען גאָר ניט צו, קיין נײַע אידישע יוריסטען טאָהרען ניט זאַשצישצאַיע־נען קיין דיעלעס. פֿון 1893 טען יאָהר האָט [מען] אויפֿגעהערט צו נעהמען אידען אין אַפּאָטהעקען, צו שרײַבען פֿאַר צאָהן־דאָקטוירים. וויא אידען האָבען געקאָנקורירט מיט קריסטען, האָט מען זיי אוסטראַנאַיעט[39] און פֿערזאָרגט, דאָס אויף די קומענדיגע צײַטען זאָלען זיי אויך ניט קענען קאָנקורירען מיט די קריסטען. מעג מען געוויס זיכער זײַן, דאָס אויב אויף אידען וועלען בלײַבען די זעלביגע גזירות, וועט אין אַ קורצע צײַט אַרום קיין געבילדעטער איד ניט זײַן. נאָר דאָס איז נאָך אַלץ געווען ווייניג, אין 1891 טען יאָהר האָט מען אָנגעהויבען טרײַבען אידען פֿון מאָסקווע. אידען פֿון מאָסקווע? וואָס הייסט דאָס? ווי אַזוי קומען אידען אין מאָסקווע? דאָרטען איז דאָך שטענדיג פֿאַרווערט געווען אידען צו וואוינען? דאָס איז טאַקי אמת, אָבער מיר האָבען פֿריהער געזאָגט, אַז אידען זײַנען געוועהנט צו גזירות און צרות; אַלס פֿרײַע בירגער עקסיסטירען זיי אין אייראָפּאַ ניט לאַנג, זינד די לענדער האָבען באַקומען אַ קאָנסטיטוציע. ביז יענע צײַט האָבען זיי שטענדיג געהאַט אויף זיך בעזונדערע זאַקאָנעס, וועלכע פֿלעגען זיי אײַנג מאַכען זייער

---

38 שווינדלער, אָפּנאַרער.

39 באַזײַטיקט.

לעבען. אין דער צייט האָבען זיי זיך אויסגעלעהרענט, וויא אריבער צו טרעטען (אויסמיידען) אלערלייא זאקאָנעס פון דער מלוכה, עס האָט געמוזט אזוי זיין, ווייל יעדער מענש וויל לעבען. די געניטקייט אין דעם האָבען זיי בענוצט אויך אין רוססלאנד. אין פעטערבורג און אין מאָסקווע האָבען געלעבט אסך אידען, געהאט געשעפטען, וואָס נאָך דעם זאקאָן האָבען זיי דאָס ניט געטאָרט האָבען. אין דיא שטעדט איז אסך גרינגער פאר דעם געשעפטס-מאנן צו פערדינען א שעהנעם גילדען ווי אין אנדערע שטעדט, דעראיבער איז די אידען געווען כדי [כדאי] צו ריזיקערען. אויסער די געשעפטסלייט האָבען דאָרטען געוואוינט אסך אידען בוכהאלטערעס, פריקאשציקעס, ווינד-מענשען, וואָס פלעגען דאָרטען האָבען חיונה. די רוסישע קאפיטאליסטען און די קליינע און מיטעלע געשעפטסלייט האָבען שוין, וויא מיר האָבען געזאָגט פאר אלעקס. דעם 2 טען געשארפט דיא צייהנער אויף אידען, נאָר טרייבען אידען פון פעטערבורג האָט מען אנגעהויבען פאר אלעקס. דעם דריטען. ער האָט אויסגעזוכט פאר פעטערבורג א גוטען בעזעם, דאָס איז געווען דער גראדונאצאלניק גרעססער, אין קיין זאך האָט ער ניט אזוי ארויסגעוויזען זיינע פעהיגקייטען און געטרייקייט צו זיין בעל הבית, וויא אין דעם טרייבען אידען פון פעטערבורג. ער האָט ניט געקוקט אויף קיין זאך: ער האָט אללעמען נעטריבען, פיעל נעזינטען, וואָס האָבען שוין דאָרטען געוואָהנט כמה יאָהרען, האָט ער ארויס געשיקט פון פעטערבורג! פריהער פלעגען זיי דאָרטען פערדינען זייער שטיקעל ברויט, און איצט האָבען זיי ניט געהאט וויא אהין צו טאָהן זיך, אָבער וואָס אארט דאָס איהם? ער האָט גענוי מקיים געווען דאָס, וואָס דער געשטאָרבענער קיסר האָט איהם געהייסען און האָט דער פאר ניט איין נאגראדע[40] בעקומען. אין מאָסקווע איז אזעלכע רדיפות ניט געווען: דאָרטען האָבען געגאָלטען דיא אידישע סגולות צו דיא רוססישע ציינאָווניקעס, די מאָסקאָווער קליינע און מיטעלע סוחרים האָבען אָבער אויך ניט געשלאָפען. זיי פלעגען שרייען אין דיא גאזעטען, אז מאָסקווע איז א-נ-אמת'ע ירושלים פאר אידען, אז אויב מען וועט לאָזען געהן ווי עס געהט, וועלען די אָרעמינקע מאָסקאָווער סוחרים לאך ניט האָבען פון וואָס צו לעבען. זייער גאָט, וואָס האָט געוואָהנט ניט אויפ'ן הימעל, נאָר אין גאטצען,[41] האָט דער הערט דיא תפילות פון זיינע אתה בחרתנו'ניקעס און ער האָט דען 28 מארט 1891 טען יאָהר ארויסגעגעבען א וויסאָצאישען פריקאז,[42] אז מען זאָלל ארויסשיקען פון מאָסקווע די אידען, וואָס האָבען קיין פראוועס ניט, אויסער דעם זאָל מען ארויסטרייבען אלע בעלי-מלאָכות (סאי מייסטערס, סאי ארבייטער), אלע מעחאניקעס, ווינאָקורען, ביערברויער (דאָס איז אלץ אזוינע אידען, וואָס פריהער האָבען זיי געהאט פראווע צו וואָהנען אין גאנץ רוססיע). ווער געדיינקט דאָס ניט, וואָס פאר א יללה עס האָט זיך אָנגעהויבען אין מאָסקווע! מען פלעגט קינדבעטאָרען ארויסטראָגען אין די בעטען אויפ'ן באהן, גאנצע געזינדטען פלעגט מען ארויס-ווארפען ווי די הינד אויפ'ן גאס...

אין אקורצע צייט ארום איז ארויס א זאקאָן, אז אידען טאָהרען ניט וואָהנען 50 ווערסט פון גרעניץ, מען זאָל פון דיא שטעדט, שטעד'ליך, דערפער ארויסטרייבען אלע ניט קיין סקאזקאָווע אידען. אויב זיי האָבען אייגענע הייזער, געשעפטען, זאָל מען זיי געבען א בעשטימטען סראָק,[43] אין וועלכען זיי מוזען פערקויפען זייערע הייזער, אָבשניידען פון זייערע געשעפטען און דערנאָך ארויספאָהרען... וואָס פאר א שכל ליגט אין דעם זאקאָן? לאָמיר זאָגען, אז רוססלאנד גלויבט די אידען איהר גרעניץ ניט, ד״ה אז בעת א מלחמה גלויבט זי ניט אין די געטרייקייט פון די אידען? אין אמת'ן ריידענדיג האָט א איד טאקי ניט פאר וואָס צו זיין געטריי רוסס-לאנד, אלע אידען קענען זאָגען אז רוססלאנד, איז פאר זיי א שטיף-מאמע און איבערהויפט אין אלעקס. דעם דריטענס צייטען, וואָס פאר א גזירות האָט אלעקס. דער דריטער מיט פאָבעדאָ-

[40] באלוינונג, אויסצייכענונג.

[41] געמיינט: גאטשינא—אן אָרט לעבן פעטערבורג, וווּ אלעקסאנדער דער דריטער פלעגט וווינען.

[42] אלערהעכסטער בא[illegible]על.

[43] טערמין.

נאָסצעוון ניט ארויסגעבען אויף זיי?... ער מיט זיין הינדישע קאָמפּאַניע, ד"ה מיט די שרי-המלכות (די פיהרער פון דער מלוכה) פלעגען דאָך שארפען די מוחות און טראַכטען שטענדיג וואָס פאַר נייע גזירות ארויסצוגעבען אויף אידען. על פי יושר האָבען טאַקי די אידען געמוזט אַ מלחמה געדאַרפט זיך אונטערגעבען צו ווענדען עס איז. אין קיין מלוכה וואָלט זיי ניט אַזוי שלעכט געווען ווי אין רוססלאַנד; אידען אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד האָבען די זעלבע פראַוועס ווי דיא קריסטען, נאָר פון דעסטוועגען איז אַ ספק, אַז צוליעב דעם האָט מען זיי פאַרוועהרט וואָהנען 50 וויאָרסט פון גרעניץ, וואָרום אויב אַזוי האָט מען געדאַרפט מורא האָבען פאַר פּאָליאַקען, ווייל זיי זענען נאָך גרעססערע שונאים רוססלאַנד, און פון זייא איז נאָך אַסך מענליכער צו וואַרטען, אַז זיי וועלען גראָבען רוססלאַנד בעת אַ מלחמה. פון דעסטוועגען זעהען מיר ניט, אַז דיא רוסישע פראַוויטעלסטווא זאָל אַרויס געבען אַזעלכע זאַקאָנעס אויף די פּאָליאַקען. נאָר אפשר קען זי דאָס געגען זיי ניט טאָהן, ווייל זיי וועלען זיך אָנהייבען בונטעווען, און אנטקעגען אידען יע, ווייל אידען זענען דאָך פּאָקאָרנע[44] שעפּסען, אַז מען גיט זיי אין קאַרק, לאָזען זיי מעהר ניט אַראָב די קאָפּ. דאָס קען אויך זיין, נאָר גיכער ווי אַלץ האָט די פראַוויטעלסטווא פון אַלעקס. דעם 3טען און פּאָבעדאָנאָסצעווען געוואָלט מאַכען, אַז אידען זאָלען זיך ניט באַשעפטיגען מיט קאָנטערבאַנדע. נאָר, ערסטינס, פאַר וואָס בעשעפטיגען זיך אידען מעהר ווי קריסטען מיט קאָנטערבאַנדע? דאָס איז דאָך זעהר איין אָפּאַסנע[45] זאַך, אַז מען פאַלט אַריין, צאָהלט מען זיך דאָך שוין אויס איין מאָל פאַר אַלע מאָל, מיט די גאַנצע עשירות קען מען זיך שוין דאַמאָלס אויך ניט אויסצאָהלען. אידען האָבען גאָר ניט ליעב אַ זעלכע געשעפטען, און ווער קען דאָס ליעב האָבען? נאָר וואָס זאָלען זיי טאָהן? מען האָט זיי אַלעמען צוזאַממען געשטיקט אין דיא עטליכע שטאָדט און שטאָדטליך און פון דאַנען האָבען זיי קיין פראַוו ניט ארויס צופאָהרען ד' אמות. פערשטעהט זיך, אַז זיי זוכען מיטלען פון וואַנען צו לעבען, און ווייא באַלד די מענשען נייטהיגען זיך פון אונטער דער ערד ארויסצוזוכען חיונה איז קאָנטערבאַנד אויך אַ געשעפט. נאָר אויב די רוסישע פראַוויטעלסטווא האָט טאַקי אין אמת'ן געמיינט מיט דעם זאַקאָן צו פערקלענערען דעם אידעשען געשעפט מיט קאָנטערבאַנדע, טו זעהט ווי דום דער זאַקאָן איז. נאָך דעם זאַקאָן טרייבט מען ארויס פון די שטעדט און פון די דערפער מעהר ניט די ניט קיין סקאַזקאָווע אידען, היינט ווער זאָגט דאָס, אַז מעהר ניט די ניט קיין סקאַזקאָווע אידען בעשעפטיגען זיך מיט קאָנטערבאַנד און די סקאַזקאָווע ניט? און אויב יע, טו וואָס האָט דאָ אַלעקס. דער דריטער אויסגעפיהרט מיט זיין זאַקאָן? און אויב סאַי די, סאַי יענע בעשעפטיגען זיך מיט דעם, איז צו דען אַלע אידען, וואָס וואָהנען 50 וויאָרסט פון גרעניץ בעשעפטיגען זיך מיט דעם? קנאַפּ איז דאָרטען דאָ סוחרים, בעלי-מלאָכות, קרעמער, שענקער מיט איין וואָרט, אַזעלכע מענשען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט ראַיעלע (לכל הפחות נאָך די רוסישע זאַקאָנעס עסקים? אויב די רעגירונג האָט געוואָלט שטרייטען מיט קאָנטערבאַנד, האָט זי געדאַרפט שטעלען מעהרער סטראַשזע אויפן גרעניץ, ערלויבען פריי דרוקען אָן צענזורע, וואָלטען דאַמאָלסט די טאַמאָזענע צינאָווניקעס מורא געהאַט נעהמען „חברה".[46] אויט, אַז מען וויל אין אַ גאַזעטא אָדער אַ זשורנאַל שרייבען וועגען די אונרעכט, וואָס אַ צינאָווניק טהוט, מוז מען האָבען פאַר אַ בעווייז געשריבענע דאָקומענטען, היינט וועלכער צינאָווניק נעהמט דאָס חברה און גיט ארויס אויף דעם אַ צעטעל? דעראיבער קענען די טאַמאָזשענא צינאָווניקעס[47] (זאָ גלייך ווי אַלע אנדערע צינאָווניקעס) נעהמען חברה וויפיל זיי ווילען, און זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז קיינער טאָהר וועגען דעם אַ פּיפּס ניט טאָהן. אָבער אין אַלעם פאַל, דאַרף פראַוויטעלסטווא רודף זיין מעהר ניט דעם פערברעכער, אָבער ניט אַ גאַנצע מאַססע מענשען, ווייל צווישען זיי געפינען זיך פערברעכער. אויב אונזער פראַוויטעלסטווא וואָלט פרימינייענען (אָנווענדען) צו די רוסישע

44 הכנעהדיק, פאָלגעדיקע.

45 אַ געפערליכע.

46 געמיינט: „כאַבאַר", שוחד.

47 צאָל-בעאַמטע ביי דער גרענעץ.

ציגאָוניקעס די זעלביגע פּראווילע,[47] וועלכע זי פרימענאַעט צו אידען, וואָלטען זיי גערארפט אַללעמען מיט פּאָבעדאָנאָסצעווען צוזאממען אריין זעצען אין טורמע, און אפשר טאקי אוועקשיקען אויף קאטאָרשזנע, ווארום אַלע ווייסען, אז צווישען די ציגאָוניקעס איז פאראן גרויסע גנבים חברניקעס, און ווי באלד אַז צווישען זיי איז פאראן גנבים, זיינען זיי דאָך אַלע שולדיג, דארף מען זיי אַלעמען אריין זעצען אין טורמע. מיט אידען טהוט מען דאָך אימענא אַזוי, צווישען די אידען, וואָס וואָהנען 50 וויאָרסט פון גרעניץ איז פאראן קאָנטערבאנדיסטען, דעראיבער דארף מען אַלע אידען (ניט קיין סקאַזקאָווע) ארויס שיקען פון דאָרטען. פון אַלע גזירות וואָס איז ארויס געקומען אויף אידען, וואָס אַלעקס. דער דריטער איז געווען קיסר, איז דאכט זיך די גזירה די גרעסטע: זי באלאַנגט דורך אויס אָרעמע לייט: בעלי־מלאָכות, קליינע קרעמערלאַך, שיינקערלאַך א. ד. ג. די וואָס מען האָט ארויס געטריבען פון פעטערבורג און פון מאָסקווע האָבען חאָטשי עפּעס וואָס דערלעבט דאָרטען. וואָס־שזע האָבען דערלעבט די אידען אין די שטערטליך און אין די דערפער ארום גרעניץ? די אידלאַך האָבען פּשוט ניט געהאַט, וואו אַהין צו טאָהן זיך. פאָהרען אין אַמעריקא? אָבער דאָרטען איז שוין אוועק די גרעדענע צייטען, און מען פאָהרט שוין מאַסען־ווייז צוריק פון אַמעריקא. ריידענדיג וועגען אַלעקס. דעם דריטענס גזירות אויף אידען מוזען מיר דערמאָנען וועגען איינע, וואָס באלאַנגט נאָר דעם רייכען אידישען קלאַסס. אידען בעלי־בתים פון הייזער האָבען מיט אַ פּאָאָר יאָהר צוריק פערלאָרען די פּראווע אוויסצוקלייבען גלאַסנע אין דומע,[48] איצט נאזנאַצעט[49] דער גובערנאַטאָר פון אידען 5 פּראָצענט פון דעם גאַנצען צאָהל גלאַסנע. דיא מעשה דערפון איז אזוי: די דומע מאַכט אַלע יאָהר אַ ראַסקלאַדקע[50] אויף די הייזער און געשעפּטען וויפיל זיי דארפען צאָהלען דעם יאָהר אין דומע. די ראַסקלאַדקע ווערט געמאַכט נאָך דער אָצענקע[51] פון די הייזער. ווען אידען און קריסטען זיינען געווען גלאַסנע, האָבען געקענט דיא אידישע גלאַסנע זעהן, אז מען זאָל אויף די אידישע הייזער ניט ארויף לייגען קיין גרעסערע נאַלאָגען ווי אויף די קריסטליכע, און די קריסטליכע גלאַסנע די זעלבע וועגען זייערע, אָבער די קריסטליכע בעלי־בתים האָט פערדראָסען אַזאַ ראַוונאָפּראַווסטווע,[52] ווי הייסט דאָס? אין דער גאַנצער מלוכה איז מען רודף אידען, פאַר־וואָס שזע זאָלען זיי ניט האָבען פון דעם אַניטעק? אַ מיטעל, ווי צו ריידען שלעכט אויף אידען איז שוין געווען געפונען: די עבירה, וואָס איין איד טהוט, דארף מען ארויפוואַרפען אויף אַלע אידען.—„אידען, האָבען אָנגעהייבען צו שרייען די קריסטליכע בעלי־בתים,—זעהן מיט אַלע מיגלאַכקייט צו מאַכען גרויסע אָצענקעס אויף דיא קריסטליכע הייזער, און קליינע אויף דיא אידישע, די קריסטען צאָהלען דעראיבער אַסך מעהרער, וויא נאָך די ווערדע פון זייערע הייזער". „אַלע אידען גלאַסנע זיינען מאָשעניקעס". דער זאַקאָן וועגען אידישע בעלי־בתים איז געווען דיא תשובה פון אַלעקס' דעם דריטען מיט זיינע יועצים אויף דעם געשריי פון די קריסטליכע בעלי־בתים. אונז איז נאָך געבליבען צו ריידען וועגען דער לעצטער גזירה, וואָס אַלעקס. דער דריטער האָט ליטשנע[53] (אָן דעם גאָסודאַרסטווענעם סאָוועט) ארויסגעגעבען אויף אידען. דאָס איז געווען דער ארויסטרייבען אידען פון יאַלטע, פון פאַר אַ יאָהר אָנדערהאַלבען רעכנעט זיך די שטאָדט אַלס אַזוינע, וויא אידען האָבען קיין פּראווע ניט צו וואָהנען. פון וואַנען שטאַממט די גזירה? דער געשטאָרבענער קיסר האָט געהאַט אַ נ־אימעניע אין ליוואַדיע, פלעגט איהם אויסקומען צו פאָהרען דורך יאַלטע, היינט, אַז דער מערדער פלעגט קומען אין יאַלטע און פלעגט זעהען אידען, פלעגט ער דאָס ניט קענען דערהאַלטען (ריכטיג ווי אידען וואָלטען געגעסען זיין ברויט

---

47 פּאָרשריפט, כלל.

48 געמיינט: מיטגלידער אין דער שטאָט־פערוואלטונג.

49 באַשטימט.

50 פאַרטיילונג פון די שטייערן.

51 אָפּשאַצונג.

52 גלייכבארעכטיקונג.

53 בערזענלעך.

און ניט פֿאַרקעהרט). מיט איין וואָרט, דער ראַזבאָיניק, דער מערדער האָט אָן ישוב הדעת אָנגעשריבען: „מיר אַלעקסאַנדער דער דריטער, דער סאַמאָדערזשעץ פֿון גאַנץ רוססלאַנד און דער... און דער... און אַזוי כסדר, הייסען, אַז קיין איד זאָל אין יאַלטע ניט זיין (די וואָס זענען ניט קיין יאַלטער מעשצאַנעס). אין הונדערטער אידישע געזינטען זענען ווייטער געבליבען אָן ברויט. אָי, מערדער! מערדער! וויפֿיל אידישע בליט האָסט דיא פֿאַרגאָסען, וויפֿיל אידען האָסט דיא אָן דער צייט אין דער ערד אריין געלייגט! קוק מערדער, צו איז דאָס ניט מערקווירדיג, אַז די מיתה האָט דיר געכאַפּט גראַדע דאָרטען, וויא עס ליגען דיינע לעטצטע אידישע קרבנות, ווי עס איז נאָך וואַרעם זייער בלוט, ווי עס צאַפּלען זיך נאָך זייערע אבֿרים!

אַם ענדע וועלין מיר ערקלעהרין, ווי האָבען געווירקט דיא אַלע גזירות, וואָס זיינען אַרויס אויף אידען, אויף דיא לאַגע פֿין אַרבייטער. די אַלע גזירות האָבען געבראַכט צו איין זאַך: די אַלע אידען פֿין רוסלאַנד האָט מען צוזאַממען געפּרעסט אין די עטליכע שטעדט, האָטשי שטיקט זיך אין ווערגט זיך אין דאָ מוזט איהר אויפֿזוכען אייער חיונה. נעוויינטליך, אַז דיא אידען, וואָס האָבען געוויינט פֿאַר אַלעקס. דעם צווייטען אין ראַסיא, פּעטערבורג אין מאָסקווע, זיינען אַלע געקיממען אין דיא עטליכע אידישע שטעדט, האָבען זייא זיך אויך גענימען צו געשעפֿטען. נו, הייִנט קענען דאָס אַלע ציעהן חיונה פֿין געשעפֿטען? דיא קאָנקורענציע איז געוואָרען זעהר גרויס, אין דאָס איז שוין בעוואוסט, אַז וויא עס איז דאָ אַ גרויסע קאָנקורענציע, האַלטען אויס מעהר ניט איינינגע גבֿירים אין דיא איבריגע פֿאַלען, ווערען אָרימע לייט. הייִנט, וואָס טהוען זיי מיט זייערע קינדער? גיבען אַוועק צו בעלי־מלאָכות, דערווייל ווערט זעהר פֿיעל אַרבייטער אין זיי ווערט שווערער אויסצופֿיהרען עטוואָס אַנטקעגען זייערע בעלי־בתּים. אויסער דעם, דער מיטעלער קלאַסס מענשען פֿלעגט אַ פֿריער אַוועג געבען די קינדער אין דיא גימנאַזיעס, איצטער נעהמט מען זיי דאָרטען ניט צו, געבען זיי געלט, אַז זיי זאָלען ווערען סוחרים, איז ניט דאָ. הייִנט, וואָס טהוט מען מיט דיא קינדער? מען גיט אַוועק צו בעל־מלאָכות. דיא אַלע גזירות, וועלכע מיר האָבען אויסגערעכענט, בעלאַנגען ניט נאָר דעם אידישען אַרבייטער אַליין, אין איין זאַך האָט אַלעקס. דער דריטער אָנגעריהרט לויטער דעם אידישען אַרבייטער. נאָך דיא רוסישע זאַקאָנעס האָט אַ בעל מלאָכה, דאָס איז דער טייטש אַ מענש, וואָס קען אַנ־אַרבייט — פּראַווע צו וואָהנען אין רוססלאַנד, אַלץ איינס וויא אַ דאָקטאָר. אַלע ווייסען, אַז אַ אידישער דאָקטאָר, אַ יוריסט אונ אין כלל אַ איד, וואָס האָט געענדיגט אַ העכערע שוהלע, האָבען פּראַווע צו וואָהנען אין גאַנץ ראַססיע. סאַי ער בעשעפֿטיגט זיך מיט זיין פּראָפֿעסיאָן, סאַי ניט. נאָך דעם ריכטיגען פּשט פֿין דיא רוסישע זאַקאָנעס, האָבען בעלי־מלאָכות דיא זעלביגע פּראַוועס. ווי באַלד אַז ער איז נאָר אַ בעל־מלאכה, צום ביישפּיל, אַ שניידער, האָט ער פּראַוו צו וואָהנען אין רוסלאַנד, האָטש ער איז אַ סוחר, אָדער ער לעבט פֿין פּראָצענט אָדער ער איז אַ פֿאַבריקאַנט. אַ זוי איז נאָך דעם זאַקאָן. ביז דעם 1881טען יאָהר האָבען אַלע אַזוי געטייטשט דעם זאַקאָן: ביי קיינעם איז קיין ספֿק ניט געווען, אַז דער זאַקאָן האָט אימענאָ אַזאַ בעדייטונג. אָבער ויהי היום, ורוח אַלעקסאַנדער השלישי מרחפֿת על פּני רוסלאַנד — אַלעקסאַנדער דעם דריטענס דוך[54] האָט אָנגעהויבען שוועבען אין רוסלאַנד, „רוסלאַנד פֿאַר פֿאָיִנעס!" „מען דאַרף רוסלאַנד ריין מאַכען פֿין אידען". דיעזע(ר) געדאַנקען האָבען זיך אָנגעהויבען צו טראָגען אין דער ליפֿטען. נור הייִנט, אַז דער גרעסטער נאַטשאַלניק פֿון רוסלאַנד שרייט, אַז מען דאַרף רוסלאַנד אַצישצאַיען[55] פֿין אידען, האָבען די טשינאָווניקעס אָנגעהויבען לייענען די זאַקאָנעס וועגען אידען מיט אַנ־אַנדער ניגען, אַנדערש זיי פֿערטייטשען, איז אויסגעקימען אַ זוי: אידען, בעלי־מלאָכות האָבען פּראַוו צו וואָהנען אין רוסלאַנד מעהר ניט ווי אין די מינוט, ווען זיי בעשעפֿטיגען זיך מיט זייער רעמעסלאָ[56]; אויסער דעם, האָט אַ איד דאָרטען פּראַווע צי פֿערקויפֿען דיא זאַכען, וואָס ער האָט אַליין אויסגעאַרבייט, נאָר אין דער צייט, וואָס ער בעשעפֿטיגט זיך ניט מיט זיין רעמעסלאָ האָט

54 גייסט.

55 אָפּרייניקן.

56 מלאָכה.

ער קיין פראווו ניט צו וואהנען. פון דעם איז ארויסגעקומען אזעלכע רדיפות, אז פאליציע פלעגט קומען צו א אידען אין דעם בעל-הבית ניט געפינען ביי דער ארבייט, ער פלעגט צום ביישפיל, געהן נעהמען ארבייט אדער אוועגטראגען, פלעגט מען באלד מאכען א פראטאקאל אין ארויסשיקען דעם בעל-מלאכה. קיין בעל-מלאכה וויא עס איז בעוואוסט, האט ניט שטענדיג קיין ארבייט. אין יעדער רעמעסלא איז פאראנען סעזאנען, פון דעססטוועגען אז פאליציע פלעגט קומען צו א אידען אין געפינען, אז ער טהוט נימ, פלעגט מען איהם גלייך ארויסשיקען. צוליעב דעם, וואס מען האט אנגעהויבען אנדערס צו טייטשען דיא זאקאנעס, האט מען הונדערטער ארבייטער אין מייסטערס ארויסגעשיקט פון רוססלאנד, אין וואו זיינען זיי אהין געקומען? וויטער אין דיא עטליכע אידישע שטאדט. אויסער דעם, פלעגען א מאל פאהרען אידישע ארבייטער אין ראסיע, איצט איז דאס אונמעגליך. צוליעב דיא גזירות אונ רדיפות אויף אידען, מוזען זיי זיך שטיקען אלע אין דיא עטליכע שטעדט, אין מען ווערט טאקי, שונאי ישראל, דערשטיקט. זעהר פיעל מענשען האבען ניט פון וואנען צו לעבען, זיי זיינען גערען צו ארבייטען, אבי נאר צו פערדיענען די שטיקעל טרוקענע ברויט. דיא אידישע ארבייטער קענען קיין קאפ ניט אויפהויבען צוליעב דעם, ווייל אין דיא אידישע שטעדט איז פאראן זעהר פיעל ארבייטער, איז זיי זעהר שווער צו פיהרען א שטרייט אנטקעגען דיא בעלי-בתים.

איצטער זיינען מיר אין א גליקליכער שעה פון אונזער שונא פטור געווארען. נוא, אין וואס הערט זיך מיט זיין זוהן — מיט דעם איצטיגען קיסר? אידען לייגען אויף איהם גרויסע האפנונג, אבער צו האבען דיעזע האפנונגען א-נ-אסנאוואניע?[57] מיר האבען אפיהער ארויסגעזעהן, אז אלעקס. דער דריטער מיט פאבעדאנאסצעווען האבען געטאהן אנטקעגען אידען אלץ נאך דעם רצון פון דיא רוסישע פאבריקאנטען, סוחרים, פון דיא רוסישע דאקטיירים, אדוואקאטען אין איבריגע מענשען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט אינטעליגענט פראפעסיעס. איצט איז א קאשע, צו האט זיך דאס אלעס אומגעביטען? געוויס ניט, — אין ווי באלד אזוי, פרעגט זיך, צי וועט דער נייער קיסר וועלען געהן אנטקעגען דעם ווילען פון דעם קלאסס, וועלכער שפילט דעם גלאוונעם ראָל[58] אין דער מלוכה? מיר קענען זיך פארשטעלען, אז איינגע דומהייטען פון זיין פאטערס פיהרונג, וויא דער ארויסטרייבען אידען פון יאלטע, 50 וויארסט פון גרעניץ אין נאך אזעלכע זאכען, וואס קענען זיך פארוועלען מעהר ניט ווי א-נ-אויסנעהמליכען דעספאט. אזעלכע זאכען, וואס קענען קיינעם קיין ניטץ ניט ברייגגען אין מעהר ניט מקצר זיין דיא יאהרען הינדערטער אידען, פון דעם, קען זיין, וועט ער זיך ענטזאגען, אבער צו וועט זיך דיא אידישע לאגע בכלל פערבעססערען? ניין, ליעבע ברידער! קיין קיסר, קיין שר וועט אייך ניט העלפען, דאס איז פוסטע חלומות! מיר האבען געזעהן, אז אין אויסלאנד איז אויך געווען א מאל אידען שלעכט, אזוי ווי איצט אין רוססלאנד אין נאך אפשר ערגער — ווען-זע האבען זיי בעקומען גלייכע רעכט מיט אלע איינוואהנער צוזאממען? נאר דאן, אז דיא סאמאדערשזאוויע[59] איז געפאלען. נאר דאן, אז דיא אויסלענדישע פעלקער האבען זיך דערשלאגען צו א קאנסטיטוציע. איינגע אידען אין קריסטען האבען געזאגט, אז ניקאלאי דער 2טער וועט געבען א קאנסטיטוציע. נארישע מענשען! זיי מיינען, אז א קאנסטיטוציע איז א מין שלח-מנות, וואס מען טראגט דאס אריין דעם נאראד אויף א טעלער. אין קיין לאנד האט נאך קיין קיסר ניט געגעבען קיין קאנסטיטוציע מיט זיין גיטען ווילען. אומעטום האט דער נאראד געשטריטען אום צו בעקומען איהר. צוליעב פיעל פריצינעס, וועגען וועלכע דא איז ניט דער ארט צו ריידען, וועט דער רוססישער רייכער קלאסס (קופצעס, פאבריקאנטען פאמעשציקעס) קיין מאל ניט ארויס טרעטען אויף א שטרייט מיט די רוסישע סאמאדערשזאוויע. דאס וועט זיין א שטרייט פון רוסישען ארבייטער-קלאסס. מיט דיא ווערטער מיינען מיר מעהר ניט נאר דיא רוסישע ארבייטער, נאר אלע פעראייניגטע ארבייטער, וואס וואהנען אין רוססלאנד, ד. ה. פאליאקען, דייטשען, ארמיאנעס,

57 א גרונד.

58 די הויפטראלע.

59 אליין הערשאפט, צאריזם.

דער

שטאדט-מגיד

א—נ—ערצעהלונג פון אידישען לעבען.

ДЕРЪ ШТОДТЪ-МАГИДЪ

т. е. ГОРОДСКОЙ ПРОПОВѢДНИКЪ

Разсказъ изъ еврейской жизни

Вильна 1897.

Типографія Розенкранца и Шрифтзецера

Лидскій пер., д. 2598/13.

בראָשור „דער שטאדט-מגיד" געדרוקט אין לעמבערג מיט אַ פֿאַלשן שער פֿון ווילנער דרוקעריַי

По поводу

Еврейской стачки

въ Вильнѣ 1895 г.

пер. съ еврейскаго.

— 1896 г. —

שער-בלאַט פֿון דער בראָשור „וועגן אַ ייִדישן שטרײַק אין ווילנע 1895"

(שטרײַק אויף עדעלשטיינס פֿאַבריק; העקטאָגר', רוסיש; זע די בראָשור אין ייִדיש „דער שטאָדט-מגיד")

א. ד. ג. דיא אַרבייטער פֿון דיא איבריגע אומות וועלען נאָך אַרויסטרעטען מיט אַ גרעסערע האַסט, וואָרום אויסער דעם, וואָס יעדערער איז געדריקט אַלס אַרבייטער, איז ער נאָך געדריקט אַלס אַ מיטגליעד פֿון אַ פֿרעמדע נאַציאָן. ליעבע ברידער! אונזער נאַציאָן איז אין רוססלאַנד געדריקט מעהר ווי אַלע איבריגע. דיא גזירות אויף אידען נעהמען צו ביי'ן רייכען קלאַסס אַ טהייל פֿון זיינע רייכטהום, ביי אונז אַרבייטער אָבער נעהמען זיי צו דעם לעצטען ביסען ברויט פֿון מויל. דיא פֿרייהייט איז פֿאַר אונז טהייערער ווי פֿאַר אַלעמען. מיר האָבען אין אונזער קינפֿטיגען שטרייט פֿאַר דיא פֿרייהייט ניט וואָס צו האָפֿען אויף דעם אידישען געשעפֿטס-קלאַסס. ווייא מען דריקט איהם, פֿון דעסטוועגען האָט ער פֿון וואַנען צו לעבען אין אַפֿילו רייכטהום אויך אין ער וועט מיט זיי קיין מאָל ניט ריזיקירען, נאָר אָן אונז אַליין, אָן אונזער פֿעראייניגונג ווענדט זיך אונזער גאולה. לאָמיר-זשע זעהן וואָס מעהרער צו פֿערשפּרייטען דעם פֿערשטאַנד פֿון זייערע אינטערעסען צווישען אינזערע אידישע אַרבייטער, לאָמיר שוע זעהן וואָס מעהרער זיך צו פֿעראייניגען, כדי צו שטרייטען מיט אונזערע בעלי-בתים און אין דערזעלבער שטרייט [צייט] זיך צו גרייטען צו דעם קינפֿטיגען שטרייט מיט דיא רוסישע סאַמאָדערזשאַוויע אין דאַן, אַז דיא אידישע אַרבייטער וועלען זיך פֿעראייניגען מיט דיא רוסישע, פּויילישע, דייטשע אין אַלע איבריגע פֿעראייניגטע שטרייטענדע אַרבייטער אין רוסלאַנד, וועט דיא סאַמאָדערזשאַוו-סטווא אין רוסלאַנד פֿאַלען. און אין דעמזעלביגען טאָג, וואָס דיא סאַמאָדערזשאַוויסטא וועט פֿאַלען, וועט בעפֿרייט ווערען דער גאַנצער אידישער נאַראָד!

# דער
# שטאָדט-מגיד*
## אַ-ג-ערצאָהלונג פֿון אידישען לעבען.

ДЕРЪ ШТОДТЪ МАГИДЪ
т. е. Городской проповѣдникъ
Разсказъ изъ еврейской жизни

Вильна 1897

Типографія Розенкранца и Шрифтзецера
Лидскій пер., д. 2598/13

### פֿ אָ ר וואָ ר ט.

סוף זוממער פֿון 1895טען יאָהר איז אין דער שטאָדט... N אויף די גרעסטע פּאַפּיראָסען-פֿאַבריק געווען אַ סטאַטשקע. אַרויסגעקוממען איז זי דעריבער, ווייל דער פֿאַבריקאַנט האָט אָנגעהויבען זעטצען אַרבייטערקעס אויפֿ'ן קלעיאָנקע.[1] ער האָט ערקלערט, אַז ער טהוט דאָס צוליב דעם, ווייל ער וויל פֿערגרעסערען די פֿאַבריקע. די אַרבייטער האָבין אָבער פֿערשטאַנען

---

* די בראָשור האָט דעו שיינט אין פֿאַרבינדונג מיט דעם באַקאַנטן שטרייק אויף עדעלשטיינס טאַבאַק-פֿאַבריק (אין אויגוסט 1895). וועגן דעם מחבר פֿון דער בראָשור און איר געשיכטע זע אינעם אַריינפֿיר-אַרטיקל וועגן דער אומלעגאַלער ליטעראַטור פֿון יענער תקופֿה. די בראָשור איז דערנאָך (1893) געוען אָפּגעדרוקט אין לעמבערג מיט אַ פֿאַלשן שער-בלאַט פֿון אַ ווילנער דרוקעריי, ווי די אַנד' בראָשורן; פֿון דער לעמבערגער אויסגאַבע דרוקן מיר זי איבער דאָ אָן שום קיצורים, נאָר מיט דער פֿאַרטײַטשונג פֿון אייניקע אויסדרוקן אין הערות אונטן. — ר ע ד.

1 דאָס, מיט וואָס מען האָט אָנגעשטאָפּט דעם הילז מיט טאַבאַק, האָט געהייסן „קלעיאָנקע“; מען האָט די אַרבעטער אָדער אַרבעטערינס פֿון דעם פֿאַך גערופֿן אויך „שטופּערס“, „שטופּערקעס“. — ר ע ד.

זײַן אמת׳ן מיין. זיי האָבין פֿערשטאַנען, אַז ער האָט געזעצט מיידלעך אויפֿ׳ן קלעיאָנקע דער פֿאַר, ווײַל ער ווילל בכלל איבערבייטען זײַנע אַרבייטער אויף אַרבייטערקעס. דענן פֿרויען־אַרבייט איז, ראשית חכמה, אַ פֿולע ווערלוועלער פֿאַר מאַנסבילשע אַרבייט; צווייטינס, האָט ער געמיינט, איז מיט פֿרויען־אַרבייטערקעס גרינגער צו וואָיעווען, זיי זײַנען געהאָרכזאַממער און פֿאָלגען בעססער, ווי מאַנסלײַט. וואָס קען אַ פֿאַבריקאַנט דאַרפֿען בעססער, ווי וואָלוועלע און געהאָרכזאַמע אַרבייטס־הענד?! אמת, פֿאָרלויפֿיג האָט ער נאָך געצאָהלט די אַרבייטערקעס דיא זעלביגע מקחים, ווי די אַרבייטער, אָבער ווי אַפֿולע פֿאַקטען פֿון אַנדערע שטעדט האָבין דער־וויזען, האָלט דאָס גיוועזען ניט אויף לאַנג. אין אַפֿולע שטעדט האָבין די פּאַפּיראָסען־פֿאַבריקאַנטען געזעטצט אַרבייטערקעס אויפֿען קלעיאָנקע און האָבין זיי אין אָנהויב געצאָהלט ווי די מאַנסלײַט אָדער ניט פֿיעל וויינינגער; אין אייניגע צײַט אַרום אָבער, האָבין די שטופּערקעס אָנגיהייבין צו פֿערדינען אַלץ וויינינגער און וויינינגער ביז זייערע שכירות איז געוואָרען וויינינגער אַפֿילו פֿאַר די שכירות, וואָס זיי פֿלעגין בעקומען, זײַענדיג קאַרדאָנסציכעס.[2] דאָס אַלעס האָבין די אַרבייטער גאַנץ גוט געוווסט—און זיי האָבין געוואָרפֿען די אַרבייט. דיא אַרבייטערקעס האָבען אויך פֿערשטאַנען, ווי פֿאַר זיי איז וויכטיג, אַז אויפֿען קלעיאָנקע זאָלען בלײַבען אַרבייטען מאַנסלײַט. דען די קאַרדאָנסציכעס ווערען געדונגען פֿון די שטופּער גופֿע, ניט פֿון פֿאַבריקאַנטען און וואָס וויינינגער עס בעקומט דער שטופּער אָדער די שטופּערקע, דאָס קלענער איז די שכירות פֿון די קאַרדאָנסציכעס, און זיי זײַנען אויך צוגישטאַנען צו דער סטאַטשקע,[3] אַז מען זאָל ניט זעטצען קיין מיידלאַך אויפֿען קלעיאָנקע. ווי גיוויינליך האָט זיך אָנגעהויבין די איבעררעדעניסען: דער פֿאַבריקאַנט האָט גערופֿען צו זיך די אַרבייטער און האָט זיי ערקלערט, אַז ער מיינט, חלילה, קיין בייז ניט, אַז ער ועט זיי קיינעם ניט אָפּזאָגין א. א. וו. די אַרבייטער אָבער האָבען פֿעסט בײַ זיך בעשלאָסען ניט צו געהן אַרבייטין ביז ער וועט ניט ענטזאַגין די מיידלאַך, וואָס אַרבייטין אויפֿען קלעיאָנקע. דער פֿאַבריקאַנט, זעהענדיג, אַז עס געהט צו שווערליך, האָט דערווײַלע אָוועגגעשיקט אין אַנדערע שטעדט זוכען אַרבייטערקעס און אין שטאָדט גופֿא האָט ער אָנגעהויבין צו פּראַקטיקירען די אַלטע באָבסקע רפֿואות: עס איז געקוממען דער פֿאַבריטשנער אינספּעקטאָר, ער האָט אָנגעקלעפּט אין פֿאַבריקע אַ־נ־אָביאַוולעניע,[4] אַז די, ווער עס וועט ניט קוממען צו דער אַרבייט, וועט מען משפּטען פֿאַרן אָפּזאָגין זיך פֿון דער אַרבייט, ניט אָנזאָגענדיג דעם בעל־הבית מיט 2 וואָכין פֿריהער. פּאָליציע האָט אָנגעהויבען צו אַרעסטירען וועמען זי האָט נאָר געכאַפּט—קיין זאַך האָט אָבער ניט געהאָלפֿען. אין שטאָדט האָט מען וועגין דעם גערעדט און געחקירה׳ט זיך. אַפֿולע האָבען געפֿינען, אַז די אַרבייטער זײַנען יונגאַטשעס, וואָרום באמת, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ דעה זאָגען דעם פֿאַבריקאַנט? וואָסערע אַרבייטער ער וויל, נעהמט ער. עס האָט גענרייכט אַזוי ווײַט, אַז דער מגיד, וואָס פֿאַרנעמט אין יענער שטאָדט דעם רב׳ס אָרט, האָט זיך אַרײַנגימישט אין דעם אינטערעס. ער האָט געזאָגט, אַז כלומרשט דער פּאָליצי־מײַסטער האָט דאָס אים געבעטען, אַז ער זאָל מאַכען אַ שלום צווישען די אַרבייטער מיט זייער פֿאַבריקאַנט. ער האָט גערופֿען צו זיך די אַרבייטער. נאָר פֿון אַלע 220 (מאַנסלײַט און פֿרויען) זײַנען מעהר ניט געקוממען עטליכע—די עלטערע. ער האָט זיי גימוסרט, אַז מאַכען אַ סטאַטשקע איז אַ פֿערברעך נעגען געזעטץ, און מיט זייער איצטיגען שטרײַט טוען זייא אַ שאָדען אַלע אידין אין רוססלאַנד, וואָרום מלוכה וועט אָנהויבין צו קוקען אויף אידין, ווי אויף בונטאָווסציקעס. און דערצו האָט ער זיי געשוואָרען, (בורכשטעבליך), אַז דער פֿאַבריקאַנט מיינט, חלילה, גאָר ניט צו צונעמען די אַרבייט פֿון די מאַנסלײַט און אַז ער וועט זיי קיינעם ניט אָפּזאָגין. אָבער ניט זײַנע מוסר, ניט זײַנע הבטחות האָבין געהאָלפֿין—די אַרבייטער זײַנען פֿעסט געשטאַנען. דאַן האָט ער זיך בעשלאָסען צו זאָגען אין דער גרויסער שטאָדט־שוהל אַ דרשה וועגען דעם. ער האָט

2 „קאַרטאָנשטשיכעס“ פֿלעגן הייסן די אַרבעטערינס, וואָס פֿלעגן אַרײַנשטעלן דעם הילז אין אַ קאַרטאָן־מונדשטוק.

3 שטרײַק.

4 כּוּבעה, מעלדונג.

געדרעהט, געפּלאָנטערט, געקאָכט קאַשע פון נביאים, תּנאים, אמוראים, בעלי-המדרש ביז ער איז צו צום טאַבאַק-פאַבריק. נו דאָ האָט ער זיך אָנגעהויבען קאָכען און זידלען אַלע אַרבייטער, שרייען, מאַכען מיט די הענד נאָך מעהר ווי פאַר דעם. אין שוהל זיינען געווען אַפילע מענשען, צווישען זיי אַפילו אַרבייטער פון דער זעלביגער טאַבאַק-פאַבריק און פון אַנדערע מלאכות. אַלע אַרבייטער זיינען געשטאַנען און עס האָט זיי געהייבען פון דיא ערטער. פּלוצלינג האָט אַ שוויסט[5] פערהילכט די שוהל — אַללע אַרבייטער האָבען אויסגעפייפט דעם מגיד.

— רבי! אַ 25ער האָט איהר געוויס גענוממען פאַר אייער דרשה. — האָט זיך אָבגערופען איינער פון טאָלפּאַ.[6]

דער מגיד איז צוטומעלט געוואָרען, פאַרגעסען וואו ער האַלט. דעם ערסטען מאָל אין זיין לעבען האָט ער ביינגעוואָהנט אַזאַ בזיון. דעם ערסטען מאָל האָט דער עולם איהם גיגעבין אָנצוהערעניס, אַז ער קריכט, וואו מען דאַרף ניט.

אַ-נ-אַרבייטער איז אַרויף אויפן בימה און האָט אַללעמען דייטליך ערקלעהרט דעם אמת'ן זין און בעדייטונג פון דער סטאַטשקע.

נאָך דעם האָט זיך דער פאַבריקאַנט געהאַלטין נאָך עטליכע טעג און האָט זיך אונטער-געגעבין.*)

צוליעב דעם צופאַלל איז דאַן געווען אָנגעשריעבען דיא ביאָשיור, וועלכע מיר לייגען איצט פאַר דעם פּובליקום.

דיא הערויסגעבער.

# דיא אידישע אַרבייטער געגען דיא אידישע קאַפּיטאַליסטען.

דאַכט זיך זינד N... איז אַ שטאָדט האָט זיך נאָך ניט פּאַססירט אַזאַ מעשה, וואָס זאָלל אַזוי אויפרירען דיא גאַנצע שטאָדט, וויא דיא מעשה מיטן מגיד בעת ער האָט געזאָגט אין דיא גרויסע שוהל וועגען דיא אַרבייטער פון X... פאַבריקע.

אַלטע אידען מיט גרויע בערד שאָקלען פון גרויס עגמת-נפש מיט די קעפּ און קענען זיך ניט בערוהיגען: „סטייטס! דאָס איז דאָך אַ מעשה, וואָס פערלויפט גאָרניט! מיר זיינען דאָך שוין, ב"ה, אידען אין יאָהרען, ניט קיין קליינע קינדער; מיר זיינען שוין גאָטט צו דאַנקען אין שוהל 50—60 יאָהר און מיר האָבען נאָך קיין מאָהל ניט ביינגעוואָהנט אַזאַ סקאַנדאַל, אַז דער פּראָסטער המון זאָל אויסלאַכען אַ שטאָדט-מגיד, מאַכען כאַכאַטלולעס (חוכא-וטלולית)!"[7] פאַר דיא אַלטע לייט, נעבאַך, איז דאָס ווירקליך אַ מעשה, וואָס איז ניט גיהערט און ניט געזעהן געוואָרען אין דער וועלט, אַ מעשה, פון וועלכע עס קען זיך שטעלען דיא האָר אויפ'ן קאָפּ קאַפּויער. „ווי, צו דענן, טראַכטען זיי זיך, זיינען שוין אידען ניט מעהר איין פאָלק — אַ פאָלק, וואָס איז פעסט פעראייניגט מיט דיא שרעקליכע צרות, וועלכע ער לייד שוין טויזענדער יאָהרען אין דעם פינסטערין גלות, און אין וועלכען מיר ווערען אַלע גלייך אַרויסגעצויגען? צו דען, זיינען שוין מעהר ניט אַלע אידען קינדער פון איין טאַטען מיט איין אמונה, מיט איין אידישע הארץ; קינדער, וואָס קלייבען זיך צונ'אויף שבת אין שוהל, אום זיך חאָטשע אויף אַ ווייַלע אויס-צו טאָהן פון הויאת-העולם (פון וועלט-זאַכען), פערגעססען אָן אַלע צרות און פּיין, וועלכע לאָזען זיי זיך אַפילו ניט אויף איין מינוט אָבאַטהמען און אום אויס צו גיסען זייער האַרץ אין תפילות

---

5 אַ פייף.

6 עולם, המון.

*) אין איניגע צייט אַרום איז געווען אַ סוד [משפט], נאָהענט פון 60 אַרבייטער, וועלכע מען האָט געמשפט, האָט מען צוגע'משפט זיטצען 2 וואָכען. דיא אַרבייטער האָבען דערלאַנגט אין פּאַלאַטא [געריכטס-קאַמער], גאָר סוף כל סוף איז פון סוד גאָר נישט ניט געוואָרען און דיא אַרבייטער האָט מען מעהר ניט גערופען. וואָס דיא אורזאַכע דער פון איז אונבעוואוסט. וואַהרשיינליך איבער דעם מאַניפעסט.

7 חוכא וטלולא = אויסלאַכן.

און בקשות צו גאָטט? וואָס האָבען מיר צו אונזערע עלטערע יאָהרען, בעונותנו הרבים, דערלעבט? אַנשטאָדט אחדות, אַנשטאָדט ברידערליכע ליבע איז צווישען אידען פֿון איין שטאָדט געוואָרין קנאה, שנאה... אידען זאָלען זיך קריגען אין אַ מקום קדוש... אַ המון נעגען אַ שטאָדט-מגיד... אַזא חילול השם!.. אָי, אָי...״ יע, דאָס איז ווירקליך אַ מעשה, וואָס איז ניט גיהערט געוואָרען! נאָר אַז מיר וועלען אַ ביסעל צו לייגען דעם קאָפּ, און אײַנקוקען זיך אין דיא אַללע זאַכען, וואָס איז אין דער לעצטער צײַט פֿאָרגעקומען, וועלען מיר זעהן און פֿערשטיין, אַז די מעשה מיט'ן מגיד איז אַ גאַנץ נאַטירליכער רעזולטאַט פֿון אַ סך טרויעריגערע, מעשה'ת, וועלכע מען האָט ביז אַהער ניט געזעהן און וועלכע דאַרפֿען אויפֿרירען יעדען מענשען, וואָס האָט נאָר אַ ביסל מאַרך אין קאָפּ. איז דאָס גיהערט געוואָרען, אַז אַ מגיד זאָל אין שוהל וואַרפֿען אַן-אימה אויף אַרבייטער, ער זאָל זיי שרעקען מיט אַלע בייזע אָנשיקעניס, פֿון דער וועלט און פֿון יענער וועלט דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען זיך צוקריגט מיט זייער בעל-הבית? צו האָט מען דאָס ווען עס איז גיהערט, אַז אַ דוכאָוונער מענש,[8] וואָס דאַרף געבען די גבירים גוטע בײַשפּיעלע פֿון אָרענטליכע אויפֿפֿיהרונגען מיט'ן אָרעממאַן, זאָל מאַכען צו קייט און צו בלאָטע הונדערטער, ערליכע אַרבייטער, וואָס חושכ'ן אָב זייער גאַנצען לעבען אין פֿאַבריק איבער די שטיקעל טרוקענע ברויט, זידלען, מאַכען אַש פֿון שטאַלנע בעיאָרענטע אידען, וואָס ערנעהרען מיט שוויס זיך און ווײַב מיט קינדער, נאָר נישט צו פֿערלאַנגען חלילה אומזיסט יענעמס אַ פּרוטה; ריידען וועגען זיי ווי וועגען אַ באַנדע רויבער, ווי וועגען גנבים, גזלנים, וועלכע מען דאַרף צו זעטצען אין דיא טורמעס? האָט זיך דענן אין דיא אַלטע צײַטען ווען פּאַסירט, אַז אַ איד אַ פֿאַבריקאַנט אָדער אַ מײַסטער זאָל זוכען אַלערלייא מיני תחבולות וויא אַרויסצוּוואַרפֿען ביסלעכווײַז אויפֿען גאַס אַלטע לײַט מיט זייערע ווײַבער און קינדער, וואָס האָבען אָבגעהאָרעוועט פֿאַר איהם זייער גאַנצען לעבען, דיא כוחות אָוועקגילייגט פֿאַר זײַנע אינטערעססען, און אַרויסוואַרפֿען דעריבער אום צו פֿערגרעסערין זײַנע אָהן דעם גרויסע הכנסות דורך דיא וואָלוועלערע פּראַצע פֿון פֿרויען? האָט זיך דען אין דיא פֿערצײַטיגע יאָהרען געפּאַסירט, אַז צוקריגענדיג זיך מיט די אַרבייטער, זאָל דער בעל-הבית זיך ווענדען צו דיא פּאָדלע[9] פּאָליציע און איהר גוט בעצאָהלען, אַז זי זאָל ניט פּאָ זאַקאָנו[10] אַרעסטירען די אַרבייטער, כאַפּען אויפֿען גאַס גאָר אונשולדיגע מענשען, און זייא הרגענען, שלאָגען? צו האָט מען ווען גיהערט, אַז בײַן ערסטען פּיפּס דעם פֿאַבריקאַנט[ס] זאָל פּאָליציע כאַפּען אויפֿען גאַס מענשען, וואָס געהען רוהיג פֿערבײַ די פֿאַבריקע, און זיי אָברײַסען אויף אַ טאָג, אויף צוויי פֿון זייער אַרבייט, ביז וואַנען עס וועט זיך אַרויסווײַזען (געוויינליך דורך הילף פֿון אַלמעכטיגען רובל) דאָס דיא מענשען ווייסען ניט פֿון וואָס צו זאָגען, איז דאָס דען גיהערט געוואָרען, אַז אין אַ קריעג צווישען אַ בעל הבית אַ אידען און זײַנע אַרבייטער אויך אידען, וויא ער, זאָל זיך אַרײַנמישען דער פּאָליצמײַסטער, דער פּריסטאַוו מיט זײַנע גאַנצע האָליאַסטרע און אַלע גבאים מיט'ן מגיד פֿאָרויס, די ערסטע זאָללען מיט קולאַקעס נויטען די אַרבייטער געהן אין פֿאַבריק, און די אַנדערע—אָנרייצען די פּובליקע אויף דיא אָרימע אַרבייטער, זיי אָנרופֿען מיט דיא שענדליכסטע ווערטער, בעשימען זיי מיט זלזולים און רכילות, פֿאַר וואָס זיי ווילען זיך ניט אונטערגעבען דעם אַלמעכטיגען גביר, פֿאַר וואָס זיי ווילען ניט מיט ווײַב און קינדער שטאַרבען אויפ'ן גאַס פֿון הונגער? דיא אַללע שפּאָגעל נײַע זאַכען, פֿון וועלכע מיר האָבען ביז אַהער ניט געוואוסט, זעהען מיר דאָס בעשײַנפערליך מיט אונזערע אויגען! דער פֿאַבריקאַנט האָט גיוועלט אָהן רחמנות אַרויסוואַרפֿען אַללע זײַנע אַרבייטער אויפֿען גאַס, די אַרבייטער האָבען זיך מיט אַ זעלטענע פֿעסטקייט אַנידער גישטעלט פֿאַר זייערע אינטערעססען, און האָבען גאָרניט גיטראַכט וועגען אונטערגעבען זיך אַפֿילו דאַנן, ווענן זיי האָבען שוין אָנגעהויבען צו לײַדען נויטה און האָבען גיזעהן, דאָס דער פֿאַבריקאַנט זוכט אַנדערע אַרבייטער אויף זייער אָרט. אַלע אַרבייטער, וואָס פֿערשטייען זייערע אייגענע אינטערעססען,

8 אַ גײַסטליכער.

9 נידערטרעכטיקע.

10 לויטן געזעץ.

האָבען גיהאַלטען פֿאַר דיא פּאַפּיראָסניקעס, ווייל זיי האָבען, פֿערשטאַנען, דאָס דיא סטאַטשקע איז ניט דיא פּאַפּיראָסניקעס זאַך אַלליין, נאָר דאָס איז נוגע דעם גאַנצען כּלל אַרבייטער. פֿאַר דעם פֿאַבריקאַנט איז גישטאַנען די פּאָליציע, זיא האָט גיטאָהן, וואָס נור מעגליך איז גיוועזן, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר ניט, אַבי נאָר צו דריקען דעם אַרבייטער. מיט דעם ציעל האָט אויך דער מגיד, וואָס איז איין לייב און זעעל מיט די גבירים, געזאָגט אַ דרשה אין שוהל אום איינצוטאַדלען ביים עולם דיא עזות פּנימער, דיא אַרבייטער, וואָס ווילען נאָך קלעהרען און בעקלעהרען דיא מעשים פֿון פֿאַבריקאַנט, אָנרייידענדיג אויף זיי ליגען, וואָס איז ניט געשטויגען און ניט געפֿלויגען, ווארום ער ווייס, אַז דער המון גלויבט, אַז וואָס אַ מגיד זאָגט אין שוהל איז קדש-קדשים; אין דער זעלביגער דרשה האָט ער אויך געמאַכט צו אַש און בלאָטע אַלץ, וואָס אין דער לעצטער צייט האָט אָנגעהויבען צו בעאונרוהיגען די גבירים: די ביכלעך וועלכע עס זיינען געשריבען קלאָהר און אויף אַ ריינעם לשון, וואָס, דער נאַראָד[11] פֿערשטעהט,—ווייל אין זיי ווערט געמאָהלט מיט ריכטיגע פֿאַרבען די טרויעריגע לאַגע פֿון דעם נאַראָד, און די הערצלאָזיגקייטען און מערדעריייען פֿון די גבירים; ער האָט אויך איינגיטאַדעלט אונזערע ביאַליסטאָקער טאָווארישצעס,[12] וועלכע האָבען צוזאַממען מיט די רוססישע, פּוילישע, דייטשע אַרבייטער, געוואָרפֿען דיא אַרבייט, ווייל זיי האָבען ניט גיוועלט צו נעהמען ביי די פֿאַבריקאַנטען די ביכלעך, כּדי צו ווייזען די פּראַוויטעלסטווא,[13] אַז האָטש זיי זיינען פּראָסטע אַרבייטער ווערלען זיי זיך אין זאַך ניט לאָזען נאַרען, אַז זיי פֿערשטייען גאַנץ גוט די בעדייטונג פֿון די זאַקאָנעס,[14] וואָס זיינען געשריבען אין די ביכלעך: די נייע זאַקאָנעס פֿערבאָטען זיי אַלעס, וואָס עס איז נויטיג צו פֿערבעססערען זייער לאַגע. דעם בעל-הבית, אָבער, גיבען זיי פֿאָלקאָמע רעכטע צו טאָהן אַלץ, מיט וואָס ער קאָן צופּרעסען די אַרבייטער.

אָט וועגען דעם אַלץ האָט דער מגיד געזאָגט אין זיין דרשה, כּדי אָבצושרעקען דעם המון-הם [עם] און אָנצורייצען איהם אויף די פּאַפּיראָסניקעס. אום דאָס צו דערגרייכען האָט ער זיך ניט געשעהמט אַריין צו מישען אין דרשה ליגען און זידלעריי—היינט איז דאָס אַ וואונדער אַז אויף אַזעטיגע רייד האָט ער דערהערט אַ-נ-ענטפֿער—אַ שוויסק? פֿאַר די שוהל איז די גאַנצע מעשה געוויס אַ בזיון, אָבער דער בזיון בעשטייט ניט אין דעם, וואָס די אַרבייטער האָבען גענומען כּייפֿען—דער בזיון בעשטייט אין דער דרשה, וועלכע אונזער טהייערער מגיד האָט גידרשנ'ט. איז דאָס ניט קיין בזיון פֿאַר דער שוהל, אַז מען האָט איהר גימאַכט פֿאַר אַ מיטטעל פֿאַר דעם פֿאַבריקאַנט איינריידען די אַרבייטער זיי זאָלען געהן טאָהן, כּדי ער זאָל ווייטער קענען רייך ווערען, כּדי די עטליכע ביטטער פֿערהאָרעוועטע גראָשען זאָלען אריבער געהן פֿון די אויסגידאַרבטע אַרבייטעוּשע קעשענעס אין די גראָבע פֿוללע קעשענעס פֿון X? אויב דער נרעסטער פֿון די N... כּלי-קודש קען מאַכען די שוהל פֿאַר אַ מערקעל, וואו אויסצופֿיהרען אַללע פּאָדלע געשעפֿטען, איז גאַנץ גערעכט גיוועזן דער אַרבייטער, וואָס האָט גלייך פֿאַר אַלעמען אין די אויגען אָבגעשאַצט די סוממע פֿון די מעקלעריי-געלד... ווען ביי די כּלי-קודש איז רעכט פֿאַר די בעל-בית'שע טובה וועגען איבערצוטראָגען דעם קאַמפּף פֿון דיא קאַפּיטאַליסטען מיט דיא אַרבייטער אין שוהל, טו דאַרפֿען דען דיא אַרבייטער שווייגען? צו דאַרפֿען דען דיא אַרבייטער ניט אַרויסטרעטען אַנטקעגען די טרייע דינער פֿון קאַפּיטאַל צו דערווייזען זייא, אַז דיא אַרבייטער זיינען שוין מעהר ניט אַ סטאַדע שטילינקע שעפּסען, וועלכע מען קען טרייבען וואוהין מען וויל, אַז זיי קענען שוין און וועלען שוין יעטצט שטיין פֿעסט פֿאַר זייערע אינטערעססען און וועלען ניט פֿערשווייגען, אַז מען וועט וועלען קריכען זיי אויפֿען קאָפּ? יע, הערר פֿאַבריקאַנט, און אייער עהרליכער דינער, רב מגיד! איהר האָט אַריבערגעטראָגען אונזער קאַמפּף פֿון פֿאַבריקע אין שוהל און פֿון דאָרטען אין גאַנץ שטאָדט, מיר דאַנקען אייך זייער, פֿאַר אונז

---

11 דאָס פֿאָלק.

12 חברים.

13 רעגירונג.

14 געזעצן.

איז דאָס אַזוי ווי א געפונען. מען האָט זיך מעהר ניט גידאַרפט איינהערען וואָס מען האָט גערעדט אויפ׳ן שול־הויף און אַלע רעדלעך נאָך דער טהייערער דרשה ביז אַ שטיק אין דער נאַכט, מיר זאָלען קענען זאָגען, אַז היינטיגער טאָג האָט אונז געבראַכט גרויסע נוטצען. אין דעם טאָג האָבען מיר ערוואָרבען דעם מיינונג, די גוטע פריינדשאַפט פון דעם גאַנצען המון־עם, וועלכע זיינען ביז איטצט געשטאַנען פון וויטען. נאָך מעהר, היינטיגען טאָג קענען מיר זאָגען, האָבען מיר אָנגיהויבען אויסצופיהרען, דען X... האָט דערזעהן, אַז עס העלפט קיינע תרופות און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער זיך אונטערגעגעבען. אָנפאַלענדיג פאַר אַלעמען אין דיא אויגען אויף דיא אַרבייטער, האָט דער מגיד מיט דעם אַליין גיטאָהן די אַרבייטער אַ גרויסע טובה. דער גאַנצער נאַראָד, וואָס האָט זייא גיהאַלטען פאַר שקצים, יונגאַצעס, בונטאָוושציקעס האָט דערזעהן, אַז זייא זיינען גאַנץ גירעכט און עס איז אַ מצוה צו העלפען זייא. דאָס קומט אויס, וויא מען זאָגט, „בור כרה ויחפרהו ויפול בשחת יפעל״—די קאַפּיטאַליסטען גראָבען אַ גרוב פאַר דיא אַרבייטער און פאַלען דערנאָך אַליין אַריין אין איהר.—X... האָט גיוואָלט אויפרעגען דיא גאַנצע שטאָדט אַנטקעגען דיא אַרבייטער און האָט אויפגירעגט די גאַנצע שטאָדט אַנטקעגען זיך. דיא זעלבע זאַך גייט פאָר, ווען דיא קאַפּיטאַליסטען ווילען אָבשטראַשען דיא אַרבייטער און ברייגגען אַראָפּ פון אַנדערע שטעדט שטילע אונפערשטענדליכע, פערהונגערטע אַרבייטער—וואָס מיינט איהר לאָזט זיך אויס פון דעם? מיר בעקענען זיך מיט דיא אַרבייטער, מיר גיבען זיי צו פערשטיין, ווי אונזערע אינטערעססען זיינען פעסט געשלאָססען מיט זייערע, און זיי פאָהרען גלייך אוועק צוריק, אוועקפיהרענדיג מיט זיך שוין אַנדערע געדאַנקען—געדאַנקען וועגען אחדות צווישען אַלע אַרבייטער און אַ קאַמפּף מיט דיא בעלי־הבתים, און פערשפרייטען דיא געדאַנקען אין אַלע ווינקעלעך, וואו עס איז נור דאָ אַרבייטער מיט בעלי־בתים... איצטער נאָך דער סטאַטשקע זעהען שוין אַלע אונזערע אידעלעך, אַז עס איז שוין ניטאָ מעהר קיין איינציגעס אידישע פאָלק, און וועלכע אַלע לעבען גוט צווישען זיך, זייא זעהען שוין, אַז דאָס אידישע פאָלק צוטהיילט זיך אויף צוויי קלאַססען, די שנאה פון וועלכע עס איז אַזוי גרויס, אַז זיא שטעלט זיך ניט אָב פאַר די היילינגטהום פון דיא שוהל און די איבעריגע כלי־קודש, ניט פאַר די שטאַרקייט און גרויזאַמקייט פון דער אַלמעכטיגער רוססישער פּאָליציע.

יע, די אַלטע אידען זיינען גאַנץ גירעכט, וואָס זיי וואונדערען זיך אויף דעם—פאַר דעם איז דאָס ניט געווען. אָבער וואָס האָט פאַרנאַנדער גיטהיילט דעם פריהער פעראייניגטען פאָלק? וואו איז די אורזאַכע דערפון, וואָס אונזערע אידעלעך וואָס זיינען אַ מאָהל געשטאַנען פעסט איינער פאַר דעם אַנדערען, האָבען גענומען קאַמפּפען צווישען זיך? עס איז גיוועזן אַ צייט ווען אַלע אידען זיינען כמעט געווען גלייך איינער צום אַנדערען; עס זיינען געווען אַ ביסעל רייכערע, אַ ביסעל אָרימערע, אָבער די נפקא מינה איז געווען זייער קליין, דאָס איז גיווען איידער פאַבריזנע איז אוניצטאָזשעט[15] געוואָרען. דעמאָלט זיינען אַלע אידען געווען אודער מעקליאַרעס (פאַקטויירים) צווישען די פריצים און די פויערים, אָדער קליינינקע סוחרים־לעך, קרעצמער, קרעמערלעך א. ז. וו. יעמאָלט האָבען זיך אַלע אידען געהאַלטען פאַר אַ פעראייניגטע פאָלק, דען אַלע האָבען גילעבט פון דיא זעלבע געשעפטען און ווען עס פלעגט אַרויס אַ נייער זאַקאָן, אַ נייע גזירה אויף איינעם, איז די זעלביגע גזירה געווען אויף אַלע אידען. יעמאָלט האָבען אַלע אידען גיהאַט גלייכע צרות פון די פריצים מיט די ציגאָווניקעס[16] פון איין זייט און גלייכע שנאה פון דיא פויערים פון צווייטען זייט. אָבער קרעפּאָסטנאָיע פּראַוואָ (פאַנשצינע) איז אונטערגעגאַנגען, אומעטום זיינען געוואָרען אייזענבאַהנען, דער האַנדעל האָט זיך פערגרעסערט, עס זיינען געוואָרען פאַבריקעס, עס האָט זיך אַלץ אומגעביטען און גלייך מיט דעם האָט זיך אומגעביטען דיא לאַגע און דער סאָסטאַוו[17] פון דער אידישער נאַציאָן. דער, וואָס האָט געהאַט מעהרער געלד, האָט איצט געקריגען אַ מעגליכקייט דורך קרעדיט צו קריגען נאָך מעהר, און צו ווערען נאָך רייכער,

---

15 אָפּגעשאַפט.

16 מלוכה־באַאַמטע.

17 באַשטאַנד.

מאַכענדיג אַללערליי פּאָדריאַדען און געשעפֿטען; דיא אָבער, וואָס האָבען געהאַט חיינינג, האָבען שוין איצטער ניט גיקענט קאָנקורירען מיט דיא רייַכע סוחרים אָדער מיט דעם רייַכען מאַסטער און פֿאַבריקאַנט. אייַזענבאַהנען האָבען געהאָלפֿען פֿערברייטערען זיך און פֿערגרעסערען זיך דעם האַנדעל, דען איצטער האָט מען געקענט די סחורות פֿון יעדער קאַנט שיקען תּאָטשי אין עק וועלט, אָבער דאָס האָט אַלץ געהאָלפֿען דיא רייַכע, דיא אָרימע אָדער אַפֿילו ניט זייער רייַכע איז וואָס ווייַטער גיוואָרען און עס ווערט איצטער אויך אַלץ שווערער און שווערער צו שווימען אין דער האַנדעלס־קאָנקורענץ; עס איז בעשאַפֿען גיוואָרען אַ נייַע זאַך, אָן וועלכע עס איז אונמעגליך געוואָרען צום לעבען—מיר מיינען קאַפּיטאַל. ביסלעכווייַז האָבען מיר גענומען אָנווערען דיא קליינינקע סוחרים׳לעך, מייַסטערלעך און פֿאַקטורירים. און איינע נאָך דיא אַנדערע האָבען זיי גענומען געהן זוכען זייער לעבענס־מיטטעל צו דיא רייַכע, ד. ה. זיי האָבען געמוזט נעהמען פֿערקויפֿען זייער פּראַצע, עס איז גיוואָרען אַ נייַער קלאַסס אַרבייטער.

עס איז עפּעס פֿאַראַנען אַ סך אַרבייטער, וועמעס טאַטעס עס זייַנען אויך געווען פֿאַרדונגענע אַרבייטער? ניין, זייער ווייניג. און אַזעטיגע וועמעס זיידעס עס זייַנען געווען פֿערדונגענע אַרבייטער איז גאָר ניטאָ. אין איין דור איז געוואָרען אַנשטאָט זעלבשטענדיגע מענשען, אַ נייַער קלאַסס מענשען, וואָס דאַרפֿען פֿערקויפֿען זייער אַרבייטס־קראַפֿט צו דיא, וועלכע עס האָבען קאַפּיטאַלען; דאָס איז פֿון איין זייַט—פֿון צווייטען זייַט איז געוואָרען אַ גאַנצער קלאַסס מענשען, וואָס לעבען מעהר ניט פֿון פֿרעמדע מיה, פֿון דעם, וואָס זיי זויגען אויס דאָס בלוט בייַ דיא מענשען, וועלכע עס האָבען ניט קיין קאַפּיטאַל. פֿון אונזערע קאַפּיטאַליסטען וועט איהר געפֿינען ווייניג אַזעלכע, וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס זייַנען געווען רייַכע—אַם מייסטען זייַנען זייערע עלטערען אויך געווען קליינינקע סוחרים׳לעך, קרעצמערס, פֿאַקטורירים א. א. וו. אין דער צייַט פֿון אַ יאָר 50 איז דיא אידישע נאַציאָן צוטהיילט געוואָרען אויף צוויי קלאַסען קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער; און וואָס פֿאַר אַ שייַכות, וואָס פֿאַר אַלגעמיינע אינטערעסען איז פֿאַראַנען בייַ דיא צוויי קלאַססען? און וואָס ווייַטער ווערען די צוויי קלאַססען אַלץ מעהרער פֿאַרנאַנדער געטהיילט, וואָס ווייַטער ווערען אַלץ אָרימער די קליינע בעלי־מלאָכות און סוחרים, וואָס ווייַטער ווערט אַלץ גרעססער דיא צאָהל פֿון דיא אַרבייטער, אָבער וואָס עס ווערט אַלץ מעהרער אַרבייטער, וואָס דיא לאַגע פֿון דיא אַרבייטער ווערט ערגער, נעהמען דיא אַרבייטער אַלץ מעהר פֿערשטיין, אַז אַזוי דאַרף ניט זייַן, אַז מען דאַרף זעהן אויסצובעססערן דיא אונערטרעגליכע לאַגע, אַז מען דאַרף נעהמען קאַמפּפען, דען מיט קיין אַנדער מיטטעל קען מען ניט אויסבעסערען; אָבער וואָס מעהר מיר נעהמען פֿערשטיין אונזערע אינטערעססען, דאָס מעהרער ווערט אַלץ גרעסער די שנאה פֿון די קאַפּיטאַליסטען, דאָס מעהר פֿערגעסען זיי אַלץ, אַז זיי זייַנען אויך אַזעטיגע רעכטלאָזע אידען, ווי מיר, דאָס מעהר זייַנען זיי גרייט אין דעם קאַמפּף מיט אונז צו בעטען הילף בייַ אונזערע געוועזענע אַלגעמיינע שונאים—בייַ דער פּראַוויטעלסטוואָ מיט דער פּאָליציע, און בעטען זיי זאָלען העלפֿען מיט כּח, מיט אָסטראָגען,[18] מיט סיביר א. א. וו. דיא קאַפּיטאַליסטען אַליין צורייַסן דעם בונד, וועלכער האָט פֿריהער צונויפֿגעבונדען אַלע אידען—און ניט צורייַסען קענען זיי ניט, דען זיי זעהען, אַז וואָס ווייַטער, ווערט אַלץ גרעסער דער כּח פֿון דיא פֿעראייניגטע אַרבייטער. צורייַסענדיג דעם בונד, ווייַזען זיי אַלליין, אַז צווישען ביידע אידישע קלאַססען—קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער איז ניטאָ קיין אַלגעמיינע אינטערעססען. מיר דאַרפֿען וועגן דעם געוויס ניט דאגה׳נען, דען נאָר אין דעם קאַמף מיט דיא קאַפּיטאַליסטען האָבען מיר גענומען פֿערשטיין, אַז מיר האָבען אַ סך כּח; נור דורך דיא שנאה צום קאַפּיטאַל האָבען מיר אויסגעהאָדעוועט ליעבע צו אונזערע געדריקטע ברידער, דען נור דורך דעם קאַמפּף האָט זיך ענטוויקעלט אונזער בעוווסטזייַן, דורך דעם קאַמפּף איז ער שטאַרק גיוואָרען. צו דען דאַרפֿען מיר זשאַלעווען די צייַט, ווען אַללע אידען זייַנען געווען אונפֿערשטענדלעך און מען האָט זיי געדריקט פֿון אַללע זייַטען; אַי די פּריצים, וועלכע זיי האָבען געדינט, אַי די בויערים, וועלכע זייַנען גיווען אויפֿגעקאָכט אויף די אידען פֿאַר וואָס זיי פֿלעגען העלפֿען דיא פּאָמיעשציקעס

---

[18] תּפיסה, טורמע.

רויבען זיי? צו דען דאַרפֿען מיר דאגה'נען, וואָס די צײַט איז שוין אַריבער, צו דען דאַרפֿען מיר דאגה'נען, וואָס מיר האָבען אָנגעוואָרען די ליבע פֿון אונזערע אידישע מאַגנאַטען, ווען אָנשטאָט דעם האָבען מיר ערוואָרבען די ליבע וועלכע וועט אונז פֿעראייניגען מיט דיא רוססישע, פּוילישע, ליטווישע — מיט איין וואָרט — מיט דיא אַרבייטער פֿון דער גאַנצער וועלט? אין דער צוקונפֿט זעהן מיר דעם פֿערגרעסערונג פֿון אונזערע קרעפֿטען, פֿון אונזער בעוואוסטזײַן און דיא פֿערבעססערונג פֿון אונזער לאַגע, הײַנט דאַרפֿען מיר דען דאגה'נען וועגען יענע פֿינסטערע פֿאַרגאַנגענע צײַט, וועלכע איז, אמת, געוועזען אָהן קאַמפֿף, אָהן שנאה, אָבער דערפֿאַר אויך אָהן לעבען? נאָר נעהמט ריידען אַפֿילו מיט אַ געבילדעטען אידען, וואָס וועט ער אײַך זאָגען? ער זאָגט: „אומזיסט רײַסט איר פֿאַנאַנדער אײַער בונד און פֿרײַנדשאַפֿט מיט דיא אידישע קאַפּי־טאַליסטען, איהר זײַט דאָך מיט זייא, פֿעסט געבונדען מיט דיא דריקונגען, וועלכע אַלע אידען לײַדען גלײַך פֿון דער מלוכה, איהר טאָרט אַללע ניט וואָהנען אין ראססיאַ, איהר האָט אַללע קיין אַנדערע פּראַווע, דעריבער דאַרפֿען זיך אַללע אידען פֿעראייניגען, כדי מען זאָלל זיך קענען דערשלאָגען אַלערליי רעכטען און ניט קאַמפּפען מיט דיא פֿאַבריקאַנטען איבער אַ קורצען אַרבייטס־טאָג און איבער שכירות". און דער מגיד לייגט נאָך צו מיט טרערען: „ברידערלאַך, יעדער דאַרף דאגה'נען ניט נאָר פֿאַר זיך אַלליין, מען דאַרף דאגה'נען פֿאַר טובֿת־הכלל, פֿאַר אונזער גאַנצע פֿעריאָגטע אומה; העלפֿענדיג זיך מיטן קאַמפֿף, צווייצט מען מעהר ניט די מלוכה און זיא וועט אויסלאָזען דעם כעס צו אַללע אידען און יעמאָלט וועט זײַן ערגער, אזוי איז שוין דיא אידישע לאַגע אויך גענוג שלעכט און איהר ווילט נאָך מאַכען ערגער — געוואַלד! וואָס פֿאַרגעסט איהר אָן אײַער גאַנצע הייליגע אומה?" אזוי קומט אויס נאָך דעם מיינונג פֿון אידישע פּאַטריאָטען, אַז קעמפּפענדיג מיט די אידישע קאַפּיטאַליסטין קענען מיר זיך ניט דערשלאָגען קיין פֿערבעססערונגען פֿאַר אַללע אידען. נאָכ'ן מגיד'ס מיינונג קומט גאָר אויס, אַז מיט דעם ברייִנגען מיר גאָר נײַע צרות אויף אידען, אויף דיא אידישע אמונה... וואָס עס אַנבעלאַנגט דעם ערסטען מיינונג, איז ער פֿאַלש דער פֿאַר, ווײַל מיר ווייסען, אַז די אידישע קאַפּיטאַליסטען האָבען קיין מאָל ניט געשטאַרעוועט זיך צו קריגען וועלכע עס איז רעכטען און טוהן דאָס איצטער אויך נישט, זיי זעהען מעהר ניט אונטערצוקויפֿען די טשינאָווניקעס און פּאָליצייסקע, זיי זאָלען כלומר'שט ניט בעמערקען דעם זאַקאָן — און אַ זוי וויא בײַ טשינאָווניקעס קען מען פּועלן וואָס מען וויל, פֿיהרען דיא קאַפּיטאַליסטען אויס אַלץ וואָס זייא דאַרפֿען. חוץ דעם וועלען מיר אויך שוין דערווײַזען, אַז קעמפּפענדיג מיט דיא קאַפּיטאַליסטען מאַכען דיא אידישע אַרבייטער נאָך נעהענטער דיא צײַט, ווען אידען וועלען קריגען אַללע בירגער־רעכטע. דער מגיד זאָגט, אַז מיט זייער קאַמפֿף רופֿען די אַרבייטער אַרויס בײַ דער מלוכה נאָך מעהר שנאה צו זיך, אָבער דאָס איז ליגען; וואָס מיר וועלען זיין שטילער, וואָס מיר וועלען נידעריקער אײַנ־בויגען די קאָפּ מיטן רוקען, וועט מען אויף אונז אַלץ מעהר טרעטען. פֿון ערסטען בליק ווײַזט איינגענטליך אויס, אַז די רוססישע פּראַוויטעלסטוואָ שרעקט זיך ניט איבעריקס פֿאַר דיא אונצו־פֿרידענהייט פֿון וואָסערע עס איז אידען; אָבער די מעשה איז ניט אזוי: פֿון איינינגע פֿאַקטען ווײַזט אויס, אַז רוססישע פּראַוויטעלסטוואָ האָט אויך אזוי מורא פֿאַר אונצופֿרידענהייט פֿון נאַראָד, ווי אַנדערע פּראַוויטעלסטוועס. חוץ אידען און פּאָליאַקען דריקט רוססישע פּראַוויטעלסטוואָ זעער די פֿינלענדער. פֿינלאַנדען איז פֿאַראַנען ס"ה אַרום צוויי מיללִיאָן (אידען איז פֿאַראַנען אַרום 6 מיללִיאָן). און זיי האָבען אַלע מאָל מעהר פּראַוועס,[19] ווי די איבריגע רוססישע אונטער־טהענער; אַרבייטער מעגען דאָרט מאַכען סאָבראַניעס, סאָיוזען.[20] רוססישע פּראַוויטעלסטוואָ סטאַרעוועט זיך שוין לאַנג אָוועקצונעהמען פֿון דיא פֿינלענדער זייער פֿרײַהייט, וועלכע שטעכט די אויגען רוססישע שזאַנדאַרמען, און אײַנפֿיהרען דאָרטען רוססישע זאַקאָנעס, כדי עס זאָל דאָרטען זײַן וואַרעמע ערטלעך פֿאַר דיא רוססישע טשינאָווניקעס און זיי זאָלען דאָרטען קענען טאָהן, וואָס זיי ווילען. און זינד אַלעקסאַנדער דער 3טער איז געוואָרען אַ קייסער, האָט מען

19 רעכט.

20 פֿערזאַמלונגען און פֿעראיינען, געזעלשאַפֿטען.

אָנגעהויבען די פֿינלענדער שטאַרק צו דריקען; ער האָט זיי פֿאַרבאָטען צו האָבען אייגענע מאַרקעס, האָט איבערגעביטען אייגענע זאַקאָנעס און האָט געוואָלט אַפֿילו אויסברייננגען זייער פּאַרלאַמענט און אײַנפֿירען דאָרטען אַלע רוססישע זאַקאָנעס. אָבער, אַז דיא פֿינלאַנדער האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי געמאַכט אַזאַ געוואַלד, אַז אַלעקסאַנדער דער 3טער האָט זיך דער־שראָקען און האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיי מעהר ניט צעפּען. אַזוי איז געווען. נאָך אַ פֿאַקט זעהן מיר אין ביאַליסטאָק. מען קען זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלען, אַז רוססישע טשינאָווניקעס זאָלען קענען אַזוי גוט בעגיין זיך מיטן נאַראָד. אַללע גרויסע נאַצאַלניקעס: דער פּראָקוראָר, דער פּאָליצמײַסטער, דער גובערנאַטאָר און דער שזאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק האָבען מיט גוטען אײַנגערעדט דיא אַרבייטער, זיי זאָלען נעהמען די ביכלעך, און האָבען זיי צוגעזאָגט אַפֿילו ניט שטאַרק אויפֿצוקוקען, אַז די זאַקאָנעס, וועלכע שטעהען אין די ביכלעך זאָלען ריכטיג נעהיט ווערען. זייא האָבען ערלויבט די אַרבייטער אויסצוקלײַבען מענשען, וועלכע זאָלען ריידען מיט נאַצאַלסטוואָ א. ז. וו. א. ז. וו. און פֿאַר וואָס מיינט איהר איז דאָס? ווײַל מען האָט מורא פֿאַר 10 טויזענד מאַנן אַרבייטער. אָט דעריבער האָבען מיר פֿריהער געזאָגט, אַז וואָס מעהרער מען וועט זיך שטעלען אַנטקעגען, וועט פּראַוויטעלסטוואָ אַלץ ווייניגער דריקען.

אײַנריידענדיג די אַרבייטער זיך צו בערוהיגען, האָט דער מגיד דערוויזען אַז פֿאַר דיא אידישע קאַפּיטאַליסטען איז ווינאָדנע[22] די אידישע רעכטלאָזיגקייט, זי איז ווינאָדנע דערפֿאַר, ווײַלע זי מאַכט דעם פֿאָלק פֿאַר אַ טרוס, פֿאַר אַ פֿעריאָנטען פֿאָלק און פֿעריאָגטע מענשען איז לײַכטער צו עקספּלואַטירען, זיי לאָזען זיך בעססער; ווען אַ פֿעריאָגטער מענש הויבט זיך אָן ביסלעכווײַז צו בעוועגען, הויבט מען איהם אָן צו שרײַען: „שטעה! וואו קריכסט דו, ריהר זיך ניט, הויב ניט דײַן קאָפּ, וואָרום צוליעב דיר איינעם וועלען מיר אַללע דאַרפֿען לײַדען...“ אָבער ניין! מיט אַזעלכע זאַכען וועלען מיר זיך ניט לאָזען נאַרען אין זאַק, מיר פֿאַרשטייען גאַנץ גוט אַז די אַלע קולות, מיט וועלכע מען וויל אונז בערוהיגען, איז דאָס מעהר ניט ווי געשרייען פֿון אימה, פֿון שרעק פֿאַר אונזער פֿעראייניגטען קראַפֿט. מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז מיט אונזער דיזען שטרײַט דערנעהנטערען מיר נאָך אַדרבה די צײַט פֿון אַלעמענס בעפֿרײַאונג און פֿון גלײַכע רעכטע פֿאַר אַללע אידען. פֿאַר וואָס עפּעס האָבען מיטגעפֿיהלט די סטאַטשקע אָט די אַלע קליינע קרעמערלעך און בכלל די אַללע, וועמענס אינטערעססען האָבען גאָר קיין שייכות ניט מיט איר, מיט דער סטאַצקע, צו זײַן פֿאַר אָדער געגען איהר? אָט האָרכט פֿאַר וואָס: דיא אַללע מענשען האָבען געפֿיהלט אַז בײַ אידען האָט זיך עפּעס אויך געפֿונען אַ שטיקל קראַפֿט און זיי האָבען אָנגעהויבען צו פֿערשטיין, אַז אָט דער בעססערער צוקונפֿט פֿאַר אידען, וועגען וועלכער זיי פֿערלירען קיין מאָל ניט דעם האָפֿנונג, ווענדעט זיך אָן די קראַפֿט און איז פֿעסט פֿערבונדען מיט איהר—און זיי זײַנען גאַנץ גערעכט; אַזוי ווי די אידישע אַרבייטער שמײַסט מען זיי אויך מיט צוויי בײַצשען. זיי לײַדען אויך ווי אַרבייטער פֿון יאָך פֿון קאַפּיטאַל, און ווי אַ איד פֿון רעכט־לאָזינגקייט (בעזפּראַוויע); אָט די רעכטלאָזינגקייט, די בעזפּראַוויע דיא אידישע, דריקט אונז און פֿערשפּאַרט אונז פֿון אַללע זייטען און מיט דעם מאַכט זי אונז שווערער אונזער שטרייט מיטן קאַפּיטאַל. אָט די רעכטלאָזינגקייט, וואָס פֿאַרשפּאַרט אונז אַלעמען אין איין ווינקעל, ניט ערלויבענדיג אונז צו וואוינען אומעטום, ווײַלע מיר זײַנען אידען, מאַכט גרויס די קאָנקורענציע צווישען אונז און שטערט אונז צו פֿערקויפֿען אונזער פּראַצע אויף בעססערע בעדינגונגען. צוליעב איהר איז געדריקט אונזער לאַגע און מיר פֿערדינען קוים די שטיקעל טרוקען ברויט אויף צו דערהאַלטען די נשמה. מאַכענדיג פֿאַר אַ בעל הבית אויף אונז יעדער פּאָליצייסקען, דריקט זי אונז און שטערט אונז צו פֿערבעססערען אונזער לאַגע, דעריבער דאַרפֿען מיר זעהן אָן צו שטרענגען אַללע אונזערע קרעפֿטען אויף צו דערשלאָגען זיך גלײַכע רעכטע. שטרײַטענדיג מיט די קאַפּיטאַליסטען, ווערען מיר עפּעס אַ קראַפֿט. און די קראַפֿט וועט ווערען מיט דער צײַט אַזוי שטאַרק, אַז מיר וועלען קענען אָנפֿאַנגען אונזער שטרײַט אָט פֿאַר די אַללע רעכטען, וואָס אונז פֿעלט. מיר קענען פֿרעגען אָט די אַלע, וועלכע עס שאָקלען מיט די קעפּ אין צווייפֿעל, צו מיט אַ יאָר צוריק

---

[22] לוינט.

וואָלטען זיי געגלויבט, אַז אָט די אַרבייטער וועלען קענען בײַקומען דעם פֿאַבריקאַנט X... אומעדום הייבין אָן די אידישע אַרבייטער אַרויסצוטרעטן אויפֿ'ן שטרײַט; אומעטום הויבען זיי זיך אָן צו אָרגאַניזירען. ווען אין אַלע אידישע שטעדט וועלען זײַן די אידישע אַרבייטער פֿער-אייניגט, און אָן אַרבייטער, אַוועקפֿאָהרענדיג פֿון זײַן היימישע שטעדטעל, וועט ער אומעטום געפֿינען פֿעראייניגטע אַרבייטער, דאַן וועלען אונזערע פֿעראייניגטע אַרבייטער האָבען אַזאַ קראַפֿט, וועגען וועלכע מיר קענען זיך איצט גאָר ניט פֿאָרשטעלען. אמת, די קראַפֿט וועט זײַן ווייניג אום צו שטרײַטען מיט רוסישע פּראַוויטעלסטוואָ — אָבער זי וועט האָבען זיכערע מיטשטרײַטער: די רוסישע, פּוילישע און ליטווישע אַרבייטער. צוזאַמען מיט זיי וועלען מיר זיך אָנהויבען צו דערשלאָגען דאָס, וואָס אונז אַלעמען פֿעהלט—מיר זאָלען האָבען רעכט צו מאַכען סטאַטשקעס, פֿעריינען, פֿערזאַמלונגען, פֿרײַהייט צו שרײַבען, צו דרוקען, צו ריידען אַלץ וואָס מיר ווילען; און מיר וועלען פֿון זיי בעקומען שטיצע דאַן, ווען מיר וועלען אין אַ גוטע שעה אָנהויבען צו פֿאָדערען, אַז מען זאָל אויסמעקען פֿון רוסישען סוואָד זאַקאָנעס[23] די ווילדע טיראַנישע געזעצען, וואָס ווילען אונז ניט אנערקענען אַלס מענשען גלײַך מיט אַלע פֿעלקער אין דער וועלט, אויסמעקען די טיראַנישע געזעצען, וואָס האָבען אַרויפֿגעלייגט אויף אונזער אויסגעראַרטען, פֿערשמאַכטען פּנים די חתימה פֿון אונגליקליכע שקלאַפֿען, איבער וועלכע יעדער אויטוואָרף האָט פֿולע רעכט צו לאַכען און צו שפּאָטען פֿון אונז, און אונבעשטראָפֿט אונז צו טרעטען אונטער זיי פֿיס. אין דעם קאַמפּף פֿאַר אונזערע רעכטען ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אונזער קראַפֿט, — די איינציגע קראַפֿט דורך וועלכע מיר וועלען זיך אַ מאָהל דערשלאָגען בירגער רעכט פֿאַר אַללע אידען. נאָר מיר אַרבייטער פֿערנעהמען דעם נידריגסטען אָרט אין דער געזעלשאַפֿט, דעריבער קענען מיר זיך ניט דערשלאָגען, אַז עס זאָל בטל ווערען די אונמענשליכע געזעצע, וועלכע דריקען דעם אידישען פֿאָלק, נאָר פֿאַר אונז אַרבייטער אַלליין, און בשעת מיר וועלען מיט אונזער אָרגאַניזירטע קראַפֿט אַראָפּשלײַדערען די שווערע קייטען, וואָס שמידען צונויף די גאַנצע אידישע נאַציאָן, וועלען זיי די קייטען, ממילא אָבפֿאַלען שוין אויך פֿון די, וואָס זיצען אויף אונזערע פּלייצעס און דריקען אונז מיט די גאַנצע שווערigkeit פֿון זייערע געלד-זעק. אָט פֿאַר וואָס אין דעם קאַמפּף פֿאַר אונזער פֿרײַהייט און גלײַכע בירגערליכע רעכטע (ראַוונאָפּראַוויע) טרעטען מיר אַרײַן נאָך דאַן, בעת מיר האָבען נאָך אויף אונזערע פּלייצעס אונזערע פּײַניגער. נאָר מיר וועלען דאָס טאָהן ניט צוליעב דעם, אום מיר זאָלען זיי ווײַטער טראָגען אויף אונזערע פּלייצעס — ניין! אַרײַנציהענדיג אין זיך פֿרישע, געזונדע לופֿט פֿון פֿרײַהייט, וועלען מיר זיי נאָך גרינגער אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך. הערט צו איר, קאַפּיטאַליסטען! וואָס מעהר איהר דריקט אונז, וואָס טיפֿער איהר לאָזט אַרײַן אין אונז אײַערע נעגעל, דאָס גרעססער וועט זײַן אײַער אַראָפּפֿאַלען, דאָס שרעקליכער וועט זײַן אײַער מפּלה!

ענדע

[23] געזעץ-קאָדעקס.

# מינסקער „אַרבעטער־בלעטל״ (1897) *

14 מאַרט    נומ. 1    1897

## א ר ב ע ט ע ר  ב ל ע ט ל

### פראלעטאַריער אללער לאֶנדער פעראייניגט אייך!

[ז׳ 1 :] פון דער צייט, זינט אין די אידעשע שטעדט האט זיך אנגעהייבן א ארבייטער באוועגונג, פון דער צייט זינט צו דיא אין צווייענדיגן פערקנעכטעטע אידישע ארבייטער אין רוסלאנד האט דערגרייכט דער פרייער אויסרוף פון דעם קעמפפנדען אייראפיישן פראלעטאריאט: ״ארבייטער אללער לענדער פעראייניגט אייך!״—פון דער צייט אן—האט זיך ביי דעם ארבייטער, וועלכער נעהמט א אנטהייל אין דער בעוועגונג, דערוועקט א פערלאַנגען צו וויסן וואס עס טהוט זיך אויף דער ווייטער וועלט, ווי עס לעבט אומעטום דער אונטערדריקטער ארבייטער, וויא קעמפט ער פיר זיין בעפרייאונג, צו פערשטיין די פערבינדונג, וועלכע עס עקזעסטירט צווישן אים און דער געזעלשאפט אין אלגעמיין, און איבערהויפט צווישן זיין טהון און דער ארבייטער בעוועגונג אין כלל. און צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון דער בעוועגונג האט זיך אויך ענט־וויקלט די סאזנאַניע[1] פון דער ארבייטערמאַססע און די בעדערפניס ארויסצוגיין פון די אייגענע ד׳ אמות, פון דעם אייגענעם פינסטערן לעבן, איז געווארן אלץ שטארקער און שטארקער. און די בעדערפניס איז זייער א נאַטירליכע און א ריכטיגע. אום איהר צו בעפרידיגען וועלין מיר פרובען מיט דיא בלעטלאך. בעשרייבענדיג אלץ, וואס דעם סאזנאַטעלנעם[2] ארבייטער קען אינטערעסירן און דאס, וואס עס פאסירט אין פערשיידענע מדינות און אין אונזער ברייטן רוסלאַנד, שילדערענדיג דעם לעבן פון די אונטערדריקטע, און ווי די אונטערדריקער בענוצן זייער קראפט אום פאליטיש און עקאנאמיש צו פערקנעכטען די ארבייטער־מאַססע—האפפען מיר

---

* דאָס „ארבעטער בלעטל״ איז דער ע ר ש ט ע ר פ ר ו ו ו ארויסצוגעבן אין רוסלאַנד אַן אומלעגאַלן פ ע ר י אָ ד י ש ן סאָציאַליסטישן אָרגאַן אין ייִדיש; ארויס אין מ י נ ס ק, ה ע ק ט אָ ג ר אַ פ י ר ט, פונעם 14טן מערץ ביז אויגוסט 1897, אין גאַנצן 9 נומערן (נו׳ 6—7 אַ טאָפּלטער), און 11—13 זײַטן אַ נומער (חוץ דעם טאָפּל־נומער), לערך 16×22 די גרייס. פֿלעגט העקטאָגראַפירט ווערן לערך אין 80 עקז׳. די רעדאַקציע און אַרויסלאָז איז געלעגן אין די הענט פֿון ב אָ ר י ס פ ר ו מ ק י ן און פ אַ וו ע ל ב ע ר מ אַ ן; דער ערשטער האָט באַזאָרגט די ליטעראַרישע זײַט פֿון דער אונטערנעמונג, דער צווייטער — די טעכנישע. זיי האָבן ביידע געהערט צו דער „גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן״ אין מינסק, אָבער אויפֿן בלעטל איז דער נאָמען פֿון דער גרופּע ניט אָנגעגעבן (אויספֿירלעכע ידיעות זע אינעם אַרײַנפֿיר־אַרטיקל צו די בראָשורן און אויסגאַבעס, אויבן). דאָס קעפּל אין אָריגינאַל איז: אין ערשטן נומער „ארבעטער בלעטל״, ווײַטער „ארבייטער בלעטטל״, אַמאָל — „ארבייטער בלעטל״.

אין דעם „ארבעטער בלעטל״ זײַנען געווען אַרטיקלען און ידיעות וועגן דער אַלגעמיין־רוסישער סאָציאַ־ליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג, קאָרעספּאָנדענציעס פֿון פּעטערבורג, איוואַנאָווא־וואָזנעסענסק און בכלל פֿון רוסישע און פּוילישע אַרבעטער־צענטערס; חוץ דעם אַ גאַנץ רײַכע אינפֿאָרמאַציע און אָפֿט אויך אַרטיקלען וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג אין י י ִ ד י ש ן תּחום. דעם דאָזיקן ייִדישן מאַטעריאַל דרוקן מיר דאָ איבער אין גאַנצן. די הערות און פֿאַרטײַטשונגען אונטן געהערן אונדז.— ר ע ד אַ ק צ י ע

1 באַוווּסטזײַן.

2 באַוווּסטזיניקער.

צו ענטוויקלען די סאזנאניע פון די ארבעטער, מאכן זיי בעקאנט מיט אלץ וואס עס האט א שייכות צו זייערע אינטערעסן, זיי מעגליכסט קלאר צו מאכען [ז׳ 2:] זייער פאלאזשעניע[3] אין דער וועלט און דעם וויכטיגען זין, וועלכען עס האט ביי איצטיגער צייט זייער פעראייניגונג און זייער שטרייט. און ווען אונז וועט זיך איינגעבן דאמיט האץ איין פונק ליכטיגקייט אריינ־ווארפן אין דעם פינסטערן ארבייטער־לעבן—וועט אונזער ציעל זיין דערגרייכט.

---

[ז׳ 4:] ווי ט ע ב ס ק. — פון וויטעבסק שרייבט מען וועגן דער אומגליקליכער לאגע פון די אוצעניקעס, וועלכע לערנען זייער ארבעט ביי די רעמעסלעניקעס,[4] פאלגענדעס: א יונגער אינגל, אז ער פאלט אריין אין די הענט פון א מייסטער, מוז ליידן, ניט זאגנדיק קיין ווארט, די נישלעג און די קלעפ, וועלכע ער קריגט פון אלע זייטן. שלאגן שלאגט מען אים ניט נאר ווען ער טוט עפעס א עוולה, נאר גלאט, אזוי זיך, יעדער ווילע און מיט וואס עס מאכט זיך אונטערן האנד, ווייל אין דעם שלאגן באשטייט די גאנצע לעהרע, וועלכע ער בעקומט דיא גאנצע צייט; און שלאגן שלאגט אים ניט נור דער בעל־הבית, נאר יעדערער וועמען עס געלוזט זיך. אפטמאהל זעהט מען, אז אפילו דער עלטערער ארבייטער פערגעסט זיך גאר אן די יאהרען, ווען ער אליין איז גיוועזן אין דער זעלביגער לאגע און העלפט דעם בעל הבית צו דערשלאגן ביי זיין יונגען טאווארישץ[5] דעם שטיקל מענש, וועלכען דער אומגליקליכער אוצעניק האט אין זיך. און דאס אלץ קומט אויס צו ליידן ארבייטענדיג אן אויפהער 14—15 שעה אין מעת לעת, כמעט ווי אומזיסט, שטייענדיג א הונגעריקער אין א איינגער, פינסטערער מייסטערסקאיא.[6] ניט אומזיסט גייען ארויס פון די מייסטערסקאיעס, און איבערהויפט פון די טאבאצנע און בערשטער מאסטערסקאיעס, אזוי פיעל קראנקע און פערחשכטע מענשען. אט דאס שרייבט מען פון וויטעבסק. נאר וויטעבסק איז ניט די איינציגע שטאדט, ווו די לאגע פון דעם אוצעניק איז אזוי שלעכט און די בעשרייבונג איז ניט די ערסטע, וועלכע עס מאכט זיך צו לייענען אין די צייטונגען. אלע מאהל האט דאס געגעבען שטאף פאר די ווייך הערציגע צייטונג שרייבער און קיין הילף זעהט מען עפעס ניט. און צו קענען מיר גאר האפען אויף א פארבעסערונג ניט פיהרענדיג מיט אונזערע איינענע קרעפטען א אלגעמיינע שטרייט פיר אונזערע רעכטען? אפשר זאלן מיר ווארטן ביז די בעלי בתים וועלען זיך איבער אונז אונטערדריקטע עראבערן [ערבארעמען]? לאנג צו ווארטען.

[ז׳ 5:] ש פ אָ ל א (קיעווער גובערניע). — מיט א וואך צוריק האט זיך אין די רוסישע און אידישע גאזעטען אבגעדרוקט אזא מין נייעס: ניט ווייט פון קיעוו, אין א שטעטל—שפאָלא—האבען זיך צושלאגען א איד מיט א גוי. אין א פאָר שעה א רום נאך דעם זיינען דיא קריסטען אנגעפאלען אויף די אידישע הייזער און אין איינע פיער שעה האט מען שפאלא געמאכט פאר א וויסטעניש: הונדערטע אידישע הייזער און קראמען האט מען צורויבט און צעשטערט. מעהר האבען [ז׳ 6:] דיא גאזעטען וועגען דאס גאר נישט דערציילט — א אידישער גביר, הערענדיג די „מעשה“ וועט א וואדע מנדב זיין פאר די אומגליקליכע שפאלער אידען א פאר זיפצען און צוגאב אפשר א קאדב; א אידישער רב וועט גוזר טענות [תעניות] זיין, גלאט א פרומער איד וועט א איבערדיגען מאל די אויגען צו גאט פארגלאצען, אבער פאר אונז אידישע ארבעטער דארף דאס דינען פאר א איבערדיגען בעווייז ווי שטארק עס איז נאך אין רוסלאנד די הערשאפט פון פינס־טערניש און אונוויסנהייט, און ווי נויטיג עס איז צו פיהרען א מוטהיגען שטרייט פאר פרייהייט און ליכטיגקייט.

---

3 מצב, לאגע.

4 „רעמעסלעניקעס“—בעלי מלאכות; „אוצעניקעס“ — תלמידים, לערניינגלעך.

5 חבר.

6 ווארשטאט.

[ד׳ 7:] ווילנא. — ניט לאנג איז ארעסטירט געווארען ביי אונז א אינטעליגענט, א קריסט סטאניסלאוו טרוסעוויק.[7] ביין אביסק האט ער געהאט ביי זיך א פראקלאמאציע צו די באהן-ארבייטער אין ווילנא. דעם פאפיר, אויף וועלכען עס איז געווען אנגעשריבען די פראקלאמאציע, האט ער געוואלט אויפעססען, כדי זי זאל ניט אריינפאלען די זאנדארמען אין די הענד. דאס האט באמערקט א סטראז, וואס איז געווען דערביי פאר אן עדות און האט מיט ווונדער געזאגט: „דו זעסט א ביסעל, איצטער שטייט ער און עסט!“ — ער האט טאקע געמיינט, אז סטאניסלאוו עסט עפעס, און האט זיך געוואונדערט איבער זיין געלאסענהייט. דאס האט דערהערט דער זשאנדארמסקער קאפיטאן וואסילעוו, וועלכער איז גיווען ביין אביסק, און האט א געשריי געטאן: „פון א טויטען אדער א לעבעדיגען, מען זאל מיר קריגען, וואס ער האט אין מויל!“ דא האבען זיך אויף סטאניסלאווען א ווארף געטאן ווי הינד עטליכע זאנדארמען, מען האט אים צונויפגעקוועטשט די האלדז — און צוזאמען מיט שטיקער בלוט האט ער ארויסגעשפייגען דעם פאפירעל.

---

1897 נום. 2 20 מארט

# ארבייטער בלעטטל

## ארבייטער אללער לאנדער פעראייניגט אייך!

[ד׳ 1:] פון איינינגע אידישע שטעדט האבען מיר באקומען נאכריכטען וויא די ארבייטער האבען דארטען געפייערט דעם יום טוב פון ערסטען מארט.[8] הונדערטער מענשען האבען זיך אין דעם טאג אויף פערשיעדענע סאבראניעס[9] צוגעהערט צו דער וואונדערבארער, שוידערהאפטער ערציילונג, ווי א הויפען העלדען האבען זיך אוועקגעשטעלט פאר א ציעל צו בעפרייען דעם רוסישען פאלק פון דעם קיסר, דעם טיראן, דורך וואס פאר א וועג זיי האבען דעם ציעל ערדרייכט, — וואס האבען זיי געהאפט מיט דאס אויסצופירען, וואס פאר א מענשען זיי זיינען געווען, און מיט וואס פאר א שטאלץ און מוטה זיי זיינען געגאנגען צום טויט אויפן תליה. הונדערטער אידישע ארבייטער, וועלכע לעבען אין אנגסט און אין צרות, וועלכע שטיקען זיך אן א אויפהער אונטער דעם שרעקליכען עקאנאמישען און פאליטישען יאך פון דער רוסישער רעגירונג, ביי וועלכע עס האט זיך שוין אפשר ניט איינמאהל ארויבגעלאזען די הענד, געפאלען דער מוטה, פיהרענדיג א שטרייט אפילו מיט זיינע בעלי בתים, ביי וועלכע עס האט זיך שוין אפשר ניט איינמאהל אריינגעגנבעט אין הארצען דער יאוש, דער צווייפעל צו דארף מען פיהרען אזא שטרייט און צו קען מען גאר איהם פיהרען.

הונדערטער אזעלכע ארבייטער האבען זיך צוגעהערט ווי מענשען פיהרען א ברייטען קאמף מיט א גרויסע מאכט, ווי זיי אפפערן ניט פערקלערענדיג זיך מיט זייער פרייהייט און לעבען, און פאר א גאנץ פולע מענשען איז דער זין פון אזא שטרייט און אזא מסירת נפש געווארען קלאר און דייטליך. יעדערער פון די לעזער געדיינקט דאך געוויס די צייט, ווען פאר דעם דערשלאגענעם, שטענדיג ציטערנדעם אידישען ארבייטער פלעגט מען ניט קענען קיין פרייען ווארט ארויסריידען, ווען יעדערער פלעגט רעכענען, אז די בעסטע סגולה געגען אלע דריקונגען,

---

7 סטאניסלאוו טרוסעוויטש (1869—1918), באקאנט אונטער זיין פארטיי-נאמען זאלעווסקי; פיאניער פון דער סאציאליסטישער באוועגונג אין ליטע און פוילן, איינער פון די גרינדער פון דער סאציאל-דעמאקראטישער פארטיי אין פוילן; איז געשטאנען נאענט אויך צו דער יידישער ארבעטער-באוועגונג. זאלעווסקי-טרוסעוויטש איז אויך באקאנט ווי א רוסישער סאציאליסטישער פובליציסט. שפעטער, אין 1917, געווען רעדאקטאר פון דעם צענטראלן קאמוניסטישן פארטיי-ארגאן „פראוודא“. — רעדאקציע

8 נטער מערץ 1881 — דער טאג, ווען די „נאראדאוואלצעס“ האבן דערהרגעט אלעקסאנדער II.

9 פארזאמלונגען.

צרות און שלעק איז אונטערגעבענהייט. און איצטער, ווען מיר זעהן, אז פיעלע ארבייטער הערען און פערשטיין און פיהלען מיט דעם קאמף און די קעמפער — שטארקט זיך די האפנונג, אז די בלוט פון די לעצטע איז ניט אומזיסט פארגאסען געווארען, אז זייער ארבייט וועט מען ווייטער פיהרען, און ניט א הויפען העלדען, נאר די פעראייניגטע ארבייטער מאססע, און אז פאר דער אונבעזיגבארער מאכט פון דער פעראייניגטער מאסע וועט פאלען דער פיינד!

---

אפריל נומ. 3 1897

# ארבייטער בלעטל

## ארבייטער אללער לאַנדער פעראייניגט אייך!

### לכבוד פסח

[ז׳ 1:] פסח. מיליאנען רוסישע אידען פייערען דעם יום טוב. ניט אלע, פערשטייט זיך, פייערען איהם גלייך. די גרעסטע טייל פייערט איהם אויף די שווער פערהארעוועטע און שוין עטליכע וואכען אבגעקארקטע פון דער זייער קליינער הוצאה עטליכע גילדען; און די קליינסטע טייל—אויף די זייער "גרינג און גוט" ארויסגעקוועטשטע פון די ארבייטער מעהרווערטס. די גרעסטע טייל אידען, וועמעס געזיכטער גארמאנירען זייער מיט די בלייכע אויסגעדארטע מצות, זעצען זיך צונויף אין איינגע, פינסטערע נאסע דירהלעך אויף הארטע ביינקלאך ארום אני־ארעמען פוסטען טיש; און א קליינינקע טייל מיט רויטע געזונטע פנימער—אין גאנץ פיינע ליכטיגע זאלען, אויף ווייכע מעבעל, ביי א טיש, וועלכער איז פול מיט כל טוב. ביי די ערשטע איז פאראן גאר א פולע מדור און זייער ווייניג פלייש, ניט קיין קליינע ביסל מכות אני־שטאדט וויין; און ביי די לעצטע איז גראד פארקערט. ווי די מעשה איז—גלייך צו ניט גלייך— אבער אלע אידען פייערען דעם יום טוב פסח. יעדער פאטער הערט אויס פון זיין זון די אלטע פראגע: "מה נשתנה" און ענטפערט איהם דעם אלטען תירוץ: עבדים היינו.— די קשיא איז דווקא ניט קיין שלעכטע. וואס איז עס טאקע אין דער אמתן פאר א יום טוב? לאמיר זיך אבער צוקוקען צו דער תירוץ פארענטפערט די קשיא.

עס קומט כ׳לעבען אויס טרויעריג און קאמיש ווען א אידעשער ארבייטער אין רוסלאנד זאגט מיט ברייטקייט: "עבדים היינו לפרעה במצרים". און וואס איז איצטער! מיט וואס איז עס אונז איצטער אזוי בעסער! מיר זיינען דא אין רוסלאנד כמעט אזוי פיעל פערקנעכטעט עקאנאמיש און פאליטיש ווי מיט 3 טויזענד יאהר צוריק אין מצרים. דאן איז מען געשטאנען איבער אונז מיט נאגאיקעס אום ארויסצושטייסען פון אונז וואס מעהר ארבייט, און איצטער טוט [ז׳ 2:] מען דאס זעלבע מיט ניט ווייניגער פלייסיגקייט. ניט ווייניגער ווי דאן זיינען מיר יעצט פערנידעריגט, פערקנעכטעט און בייגען גאנץ שטארק אויס דעם רוקען אונטער די קלעפ פון אלע אונזערע אונטערדריקער, אנהויבענדיג פון נאדסמאטרציק און דעסיאטניק[10] און קאנצענענדיג[11] מיט דעם מייסטער, פאבריקאנט און דעם קיסר. פרעה האט זיך דערשראקן פאר די צאל פון די אידישע קנעכט, פאר זייער מאכט און האט ארויסגעגעבען א מערדערישען זאקאן[12] — דערטרינקען אלע נייגעבארענע אינגלאך, אונזער רעגירונג שרעקט זיך אויך פיר דעם וואקסענדען גייסטליך און מאראליש פראלעטאריאט און זעהט אנווענדען אלע איהרע קרעפטען צו איבערהאקען דעם וואוקס דורך טורמעס, קאזעמאטען און אנדערע מערדערישע מיטלען. מיט איין ווארט, ווען מען זאל אנשטאדט די נעמען "פרעה" און אין "מצרים" שטעלען אין דער

---

10 אויפפאַסער, אויפזעער.

11 פאַרענדיקנדיק.

12 געזעץ.

הגדה ניקאלאי און רוסלאנד, וועט דאס גאר ארויסקומען א שילדערונג פון איצטיגען אונזערען לעבען. און ווי באלד ס׳איז אזוי, טא וואס איז אויף אונז פאר א שמחה די „יציאת מצרים“!

אזא סארט פייערטאג קען פונדעסטוועגן יע האבן א זין פאר א פארקנעכטעטע פאלק אין דעם פאלל, ווען ער ערינערט איהם אן דער צייט, ווען ער האט זיך מיט זיינע קרעפטן, ענערגיע און בלוט זיך ערָאבערט פרייהייט, ווען ער ערינערט איהם [זיך] אז נאך דעם האט ער געפירט א לעבן מיט אלע פעלקער צוגלייך, האט זיך געהאלטן פעסט פאר זיין זעלבשטענדיקייט און פרייהייט און געשטריטן פאר איהר ביזן לעצטען טראפפען בלוט, און ווען אט די ערינערונג לאזט אין איהם ניט אנטשלאפן ווערן דעם געפיל פון מענשליכע שטאלצקייט, לאזט איהם ניט רוהען און טרייבט איהם שטענדיג אויף א שטרייט פאר זיינע ערנידעריגטע צוטראטענע מענשענ־רעכט... צו איז עס אזוי ווירקליך ביי אונז? ווען מיר ווען זיך צוקוקן צום אידישען פאלק אין זיינע פערשידענע טיילען, וועט פיר אונזערע אויגען פארשטעהן א טרויעריקע, זייער א טרויעריגע פינסטערע בילד. וועגען אונזערע עלטערע איז דאך גאר ניטא וואס צו ריידען: זיי ווארטען פאריינס דעם „עני רוכב על החמור“, משיחן אויפן ווייסן פערדל. אונזערע וואלוועלע און נאיווע אידעאליסטען טראגען אונז אונטער א קוכען פון „חיבת ציון“ (פון וועלכען, פארשטייט זיך, ניט ווייניק לעקען אפ א פעטען ביינדעל). זייא, די חכמים ווילען מיט „ישוב ארץ ישראל“ פארענטפערן די אלטע אונגליקליכע „יידענ־פראגע“, און קענען פאר קיין פאל ניט פארשטיין, אז ערשטענס קען א גאנצע פאלק ניט נעהמען דעם זעקל און פעקל אויף די פלייצעס און איבערקלייבען זיך אויף איין אנדערע דירה, און צווייטענס איז נאך א גאנץ שטארקער ישוב הדעת, צי איז געשמאקער פיהלען ביי [ז׳ 3:] זיך אין בויך דעם טירקישען קינזאל (ווי יעצט ביי די ארמיאנער און אנדערע) איידער די רוסישע נאגאיקע. און אונזערע גראבע בייכער, אונזער רייכע בורזשואזיע? איהר איז אין רוסלאנד בייא איצטיגען ארדענונג אויך ניט שלעכט — קיינער ווערט איהר ניט צו ראבעווען דיא ארבעטער מאססע און אין פילע פאלען ברייננגען איהר נאך די זאקאנעס אנטקעגן די אידען נוטצען. און אלע צוזאמען מיט אונזער בורזשואזיע פארויס שרייען אין איין קול, אז מיר אידען דארפען זיך סטארען ווי וויט מעגליך ניט ארויפציהען אויף זיך דעם צארן פון אונזער ליבע רעגירונג, אז מיר דארפען זיך צוהערן צו אלץ וואס זי באפעהלט אונז, חנפהנען איהר אן א סוף, אויף יעדען נייען קלאפ, וואס זי גיט אונז, ענטפערן מיט א נידעריגען נייג און א העפליכען דאנק און דאן, און דאן, אז די רעגירונג, וועט זיך ארומזעהן, וואס פיר א טרייע קינדער מיר זיינען איהר, וועט זי געוויס אונז אנהייבען גלעטען מיט די האר אראפ, געבען אונז זכיות א. ד. גל. ניט ווילענדיג נייען דא ארויף אויפן זינען די ווערטער פון דעם באוווסטען ארבעטער־קעמפפער לאסאל. אט וואס ער האט אין זיין דנעוונוק[13] געשריבען וועגען די אידישע פאגראמען אין דמשק, וועלכע זיינען פארגעקומען אין 1840 יאהר: „די האר שטעלען זיך קאפויר הערענדיג א זעלכע מערדערייען. נאר א נאראד,[14] וועלכער קען דאס אריבערטראגען — פארדינט דאס. די קריסטען אפילו וואונדערן זיך איבער אונזער געדולד, וואס מיר טראגען אלע ערנידערונגען אריבער מיט א־איינגעבויגענעם רוקען, וואס אונז איז אנגענעהמער ליידען שטענדיגע יסורים און פארקנעכטשאפט איידער שטארבען אויפן שלאכטפעלד ווי העלדען, שטרייטענדיג פיר בעפרייהונג. טרוסליווער[15] נאראד! — האט לאסאל אויסגעשריען — דו פארדינסט ניט קיין בעסערן טייל: א צוטראטענער ווארעם צאפעלט זיך אויך, און דו? דו בייגסט זיך איין נאך נידעריגער!“ און דאס איז טאקע א שרעקלעכער פעלער אין אידישען פאלק, א פעהלער פון וועלכען מיר ליידען ביז א הער, און מיר וועלען ליידען כל־זמן ער וועט זיך ביי אונז אפשטעלען. די פערקנעכטשאפט און ערנידערונג, וועלכע דער לאנגער פינסטערער גלות האט אין אונז אויסגעארבעט, פערפאלגט אונז אויף יעדען טריט און שריט, און וואס נידעריגער מיר בייגען איין אונזער

---

13 טאגבוך.

14 א פאלק.

15 פחדנותדיקער.

רוקען, הייבט זיך איבער איהם אלץ העכער אויף דער קנוט, צו אראפלאזען זיך מיט אלץ גרעסערע מאַכט; וואס מעהר מיר קאָרצענען זיך צוזאמען, ווי א צערעפּאכע[16] אין איהר שארבען, גיסט מען אונז אלץ מער אקרעפּ איבערן קערפּער, דען ס׳איז זייער געשמאַק צו ציהען ווי א פיאווקע די בלוט, ווען דער קרבן לאזט זיך. און ווען [ז׳ 4:] דער אידעשער נאראד וואלט זיין פערארורטהיילט זיך שטענדיג אפשטעלען אין אזא (לאַגע) צושטאנד, וואלט מען קענען שטעלען א ליכטעל נאך זיין באפרייהונג. צום גליק איז עס אבער ניט אזויא...

די עקאנאמישע ענטוויקלונג פון איצטיגע געזעלשאפט רוקט ארויס פון אידישען נאראד, ווי פון אלע אנדערע, א קריסטאליזירטע טייל, וועלכע עס וועט אויספאלען דער גורל צו שטרייטען און עראבערען די צוטראטענע מענשען רעכט, וועלכע וועט מיט דער צייט (אראפוואַרפען) אראפוואשען פון דעם גאנצען נאראדס קערפּער דעם שטעמפּעל פון פערקנעכטשאפט. און די קריסטאליזירטע טייל איז ניט קיין אנדערע, ווי דער שטרייטענדער ארבייטער פּראָלעטאריאַט. זיין עקאנאמישע לאַגע איז אזוינע, אז ער מוז ארויסגיין פון זיין שלאפענדען צושטאנד אויף א שטרייט, וועלכער ווערט וואס ווייטער אלץ שטארקער און שטארקער, צו וועלכע ס׳שטייהען צו וואס ווייטער אלץ מעהר און מעהר מיטגלידער. און די שטרייטענדע, וואס ווערען אלץ ווייטער צאהלרייכער, גייסטליך און מאראליש ענטוויקעלטער, ארבייטען ביי זיך אויס אלץ העכערען מענשען- און קלאסען-באוווסטזיין, דער שטרייט ווערט אלץ פּאָלזיניגער; די פראָטעסטען אנטקעגען איצטיגען ארדענונג ווערען אלץ אפטער און דייטליכער. און אויף אונזער שטרייטענדען פּראָלעטאריאַט איז ארויסגעפאלען דער גורל, וועלכער דארף איהם צו געבען שטאלץ, מוטה און ענערגיע אין זיין שטרייט—האנד ביי האנד מיט דען שטרייטענדען פּראָלעטאריאַט פון אלע איבעריגע נאַציאנען אין רוסלאנד, בעפרייהען די גאנצע רוסישע באפעלקערונג פון אנהייב פון דעם מערדערישען דעספּאָטיזמוס און נאכהער פון דער ניט ווייניגער גרויזאמער עקספּלואַטאַציע.

היינטיגען טאָג, ווען אלע דערמאנען „יציאת מצרים״ און טרינקען „לשנה הבאה בירושלים״ זאל דער קעמפּפענדער אוואנגארד פון דעם אידעשען פּראָלעטאריאַט טרינקען פאר דער צייט, ווען מיר וועלען קענען פייערען „יציאת דעספּאָטיזמוס״,—„יציאת עקספּלואַטאַציע״.

[ז׳ 7:] פון מינסק שרייבט מען אונז:

שבת דען 15 מארט, פון א זייגער האלב צוועלף אין אווענד האט מען געקענט באמערקען ביי איינעם פון אונזערע פּאָליציייסקע אוצאַסטקעס[17] א שטארקע באַוועגונג. דער אוצאַסטאק איז געווען העלל בעלויכטען און אלע ווילע פלעגען א היין אנקומען נייע סוואָרעס[18] מיט גארדעוואיען און זשאנדארמען; ארום איהם זיינען געשטאנען צעהנדליקע איזוואָזציקעס.[19] אין די ארומיקע גאסען האבען ארומגעשנארעט מעהר סטראזניקעס ווי אלעמאל. נאך צוועלף האבען זיך פון אוצאסטאק א לאז געטאן די גאנצע קאָמפּאניע; מען האט זיך ברייט צוזעצט אויף די איזוואָזציקעס און מען איז זיך פערנאנדערגעפארען איבערן שטאט. דאס איז מען ארומגעפארען זוכען אפשר וועט זיך איינגעבען צו געפינען די מענשען, וועלכע ערלויבען זיך צו זיין ניט צופרידען מיט דעם, וואס מען דריקט, מען עקספּלואטירט זיי, וועלכע ערלויבען זיך צו וועלען און צו שטרעבען צו א מענשליכען א פרייען לעבען, וועלכע ווילען ברייגגען ליכטיגקייט און פערשטאנד צו זייערע פערקנעכטעטע פערשלאגענע ברידער; דאס איז מען ארויסגעפארן, אפשר וועט זיך איינגעבען צו דערשטיקען די פרייע באוועגונג, צו פארלעשען דעם העלען פונק פון סאָזנאַניע, א־רייפוארפען א מורא אויף די ווייניג סאזנאַטעלנע און דאמיט שטארק איינוואָרצלען די פינסטערניש און קנעכטשאפט;—דאס איז מען ארויסגעפארען מאַכען אביסקען ביי ארבייטער.

אויף געוויס איז בעוווסט אז פאר דער נאכט האבען זיי אוספּעעט[20] צו זיין מעהר ווי אין צעהן ערטער. אום צו געבען א בעגריף ווי די זשאנדארמען האבען זיך געהאלטען ביי די

16 אין דייטש—שילדקרעט, אין רוסיש—черепаха.
17 פּאָליציי-רעוויר.
18 היגטישע מחנה.
19 דראָזשקעס.
20 באַוויזן.

14 יאנואר. נ' 1 1897.

# אַרבייטער בלעטל.

אַרבייטער, אַלער לענדער פעראייניגט אייך!

פון דער צייט, ווען אין דיא אידישע שטעדט האט זיך אנגעהויבען די אר-
בייטער בעוועגונג, פון דער צייט, ווען צו דיא אין צוויינעניג פערנעמטעטע אידישע
ארבייטער אין רוסלאנד, האט דערגרייכט דער פרייער אויסרוף פון דעם קאמוניסטען
איירופעאישען פראלעטאריאט: "ארבייטער, אללער לענדער פעראייניגט אייך!" — שוין נאך
צייט אן — האט זיך ביי דעם ארבייטער, וועלכער נעהמט אנטהייל אין דער בעוועגונג
געוועקט א פערלאנגען צו וויסען וואס עס טהוט זיך אויף דער וויטער וועלט, וואו עס
לעבט און לעבט דער אונטערדריקטער ארבייטער. וויא קעמפט ער פיר זיין בעפרייאונג,
צו פערשטיין דיא פערבינדונג, וועלכע עס עקזיסטירט צווישען איהם און דער געזעלשאפט
אין אללגעמיין, און איבערהויפט צווישען זיין טהאן אין דער ארבייטער בעוועגונג אין כלל.
און צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון דער בעוועגונג האט זיך אויך ענטוויקעלט דיא סאציא-
לע ניגע פון דער ארבייטער קלאססע און דיא בעדערפניס ארויס צו גיין פון דיא איינגע ד' אמות
פון דעם איינגענעם פינסטערען לעבען איז געוועהרען אלץ שטארקער און שטארקער. און דיא
בעדערפניס איז טאקע ווייטער אנטוויקעלט און ריכטיגער. אום איהר צו בעפרידיגען וועלין
מיר ערשיינען מיט דיזען בלעטעל. בעשרייבענדיג אלץ וואס דעם מאנופאקטור ארבייטער קען
אינטערעסירען און דאס, וואס עס פאסירט אין פערשידענע מדינות און אין אונזער ברייט-
טען רוסלאנד, שילדערענדיג דעם לעבען פון דיא אונטערדריקטע, און וויא דיא אונטערדרי-
קער בעגעגנען זייער קאמפף אום פאליטישען און עקאנאמישען צו פערהינדערן דיא ארבייטער
קלאססע — האפען מיר צו ענטוויקלען דיא סאציאלע פון דיא ארבייטער, מאכען זייא בעקאנט
מיט אללעס וואס עס האט א שייכות צו זייערע אינטערעססען, זייא ... נאר צו מאכען

ערשטע זײַט פֿון „אַרבייטער בלעטל“, מינסק 1897, העקטאָגר׳

אביסקעז, וועלען מיר ברייננען דעם פאלגענדען פאקט. צוויי אזויגער בריגאַכט האבען זיי זיך אנגעהויבען קלאפען צו איין ארבייטערין. א פאר מינוטען האט געוויינטליך געדויערט ביז זי האט זיך אנגעטאָן. נאָכדעם האט זי געוואָלט אָנצינדען פייער, דאָ האָבען די זשאַנדארמען געמיינט אז זי וויל עפעס פערברענען און האבען גלייך א יסגעבראָכען די טהיר, און אז זי האט פראָטעסטירט נענען אזא באנייך האט מען איהר גראָב געהייסען שווייגען.

ביי א שוסטער האבען זיי געפונען א ביכעל: "א סבארניק[21] צום 1 מארט", און ביי זיין קווארטיראנט, אויך א שוסטער—"דעם דאקלאד פון די רוסישע סאציאלדעמאקראטען אויפן קאנגרעס אין לאנדאן".[22]ביידע ביכלאך זיינען העקטאגראפירט אין זשארגאָן. נאר קענטיג אז פאליציי האט ניט פארשטאנען וואָס זי האט אין האנד, ווייל זיי האָבען צוגענומען מער ניט ווי די ביכלאך און זיינען אוועקגעגאנגען, אמת, אויפן צווייטען טאָג האט מען זיי ביידען אנגעהייבען [ז׳ 8:] שטארק צו זוכען און פון כעס, וואס מען געפינט זיי ניט, האט מען צוגענומען אן ארבייטער פון דער מייסטערסקאיע, ווו איינער פון זיי האט געארבעט. אין פאָליציי איז מען געשטאנען איבער דעם ארבייטער מיט א נאגייקע און מען האט פון איהם געפאָדערט ער זאָל זאָגען, ווו זיינען זיינע חברים? וואס ווייס ער וועגען קאסעס, און נאך אזעלכע זאכען. ווען די נאגייקע האט ניט געהאָלפען האט מען איהם אנגעהויבען פארצולייגען געלט, מען האט איהם צוגעזאָגט צו בעפרייען פון עטאפ (ער איז געווען אן א פאספארט), נאר פון דעם ארענטליכען ארבייטער האט מען גארניט ארויסגעפּאָרשט.

אויף דער ארבעטער-מאסע האָבען די אָביסקען געמאכט א פארשידענעם איינדרוק. יעדער געוויינטליך פערקלערט זיך אויף די פראגען וועגען די אורזאכען, וועלכע האָבען ארויסגערופען די אָביסקען, וואס פיר א באדייטונג זיי האָבען פיר די היגע ארבייטער, אפילו האָבען זיך ערשט איצטער ארומגעזעהן אז זייער שטרייט מיט די בעלי בתים האט אן ערנסטען כאראקטער מער ווי זיי האבען אליין געקלערט. די פריצינעס[23] פארוואס גראד איצטער האָבען די זשאנדארמען זיך גענומען צו זוכען איז גאנץ איינפאך. פון ערשטען קוק קומט עס טאקע אויס קשה: וואס פאר א דאגה איז דעם זשאנדארם אז איך וויל טאן מיט א שעה וועניגער, אז איך וויל זיך לערנען פערשטיין עפעס? נאר דער ביישפּיל פון אנדערע קאפיטאליסטישע לענדער האט שוין גאנץ קלאָר באוויזען, אז די ארגאניזירטע ארבעטער מאסע, אנהייבענדיג פון דעם עקאָנאָמישען שטרייט מיט איהרע בעלי בתים, שטעלט סוף כל סוף ארויס פאדערונגען אויף פּאָליטישע רעכטע, און די פאליטישע מאכט האט זיך ביסלעכווייז געמוזט אונטערגעבען. און דאס איז געשעהן דערפאר, ווייל דער פערשטאנד און דער מענשענבעוואוסטזיין, וועלכע ענטוויקלען זיך ביי דעם ארבייטער פיהרענדיג א עקאנאמישען שטרייט, קען זיך שאהן ניט בייגען אונטער דעם קנוט פון דעספאטיזמוס, וועלכע שטעלט אוועק כלערליי הינדערניסען אויף דעם וועג פון זייער ענטוויקלונג, און די ארגאניזירטע ארבייטער הייבען אויף א שטרייט פיר פאליטישע פרייהייט. די רוסישע פראוויטעלסטווא,[24] וועלכע איז שטארק טאקע נאָר מיט דעם קנוט, נאָר מיט דעם וואס דאָ הערשט די פינסטערניש, וואס אין רוסלאנד איז ניטאָ נאָך קיין ארגאניזירטע סאָזנאטעלנע ארבייטער מאסע, ציטערט טאָמער וועט חלילה דער ארבייטער אנהייבען עפעס צו פערשטיין, טאָמער וועט ער אנהייבען זיך צו ארגאַניזירען און דעריבער זוכט זי דורך איהרע זשאנדארמען אויסצוווארצלען יעדע אָרגאניזאציע, וועלכע ענטוויקעלט מיט דער צייט אלץ מעהר און [ז׳ 9:] מער דעם עקאנאמישען און פּאָליטישען בעוואוסטזיין פון די וועלכע געהערען צו איהר. די פריצינע גילט ווי פיר מינסק אזוי אויך פיר אנדערע שטעט. נאר מיר מוזען אויך

---

21 זאמלבוך.

22 וועגן די ביידע בראָשורן—דעם זאַמלבוך וועגן די אומגעקומענע „נאראָדאָוואָלצעס“ פֿון 1טן מערץ 1881 און דעם באַריכט פֿון די רוסישע סאָצ׳-דעמאָקראַטן אויפֿן אינטערנאַציאָנאַלן סאָצ׳ קאָנגרעס אין לאָנדאָן 1896—זע דעם אַרײַנפֿיר-אַרטיקל, פֿריִער.— רעד׳

23 סיבות.

24 רעגירונג.

אנווייזען אויף צווייי גאר בעזונדערע פריצינעס. די ערשטע בעשטייט אין דעם, וואס אין מינסק, צוליב בעוווסטע פיר דעם מינסקער לעזער אורזאכען, האט מען זייער פיל געטומעלט, און דער טומעל האט זיך פערשפרייט ניט נאר צווישען ארבעטער, וועלכע האבען אויך זעלטען ריכטיג פערשטאנען וועגען וואס עס טומעלט זיך און האבען מער ניט אונטערגעהאלפען, נאר אויך צווישען גאר זייטיגע שטאדט-מענשען, און דאס קאן אמאל ברייננגען שאדען אן ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאנד. די צווייטע פריצינע, און די ערגשטע, וואס מען קען זיך נאר פארשטעלען, בעשטייט אין דעם, וואס צווישען די ארבייטער, ווי עס איז איצטער אויף געוויס בעוווסט, האבען זיך געיאוועט א פאר שפיאנען. איינער פון זיי איז אבע ראלניק, א שלאסער, א בעוווסטער פיאניצע און נעגאדיי,[25] וועלכען די ארבייטער האבען שוין איינמאל געשלאגען פאר א נידעריגען פאסטופאק[26] געגען זיי..

איצטער נאך א פאר ווערטער וועגען דעם בעדייטונג, וועלכע די אביסקען קענען האבען פיר די ארבייטער. צו וועט דער קנוט אפהאלטען די ארבייטער פון זייער שטרייט אויף וועלכען זיי האבען אוועקגעלייגט אזוי פיל מיה און וועלכע האט שאהן געגעבען אזוי פיל גוטע רעזולטאטען?

די ריכטיג סאזנאטעלנע ארבייטער זיינען פעסט איבערצייגט אז ניט די דעספאטישע געוואלד וועט פערלעשען דעם פייער, וועלכער האט זיך אנגעצונדען און ברענט העל אין הארצען פון דעם ארבייטער און וועלכע איז ביי א פילע טייערער ווי זייער לעבען אין פינסטערניש, אונוויסענהייט און קנעכטשאפט. אזא סלוטשאי[27] קען נאר געבען דעם ארבייטער צו פערשטיין ווי ער דארף זיך האלטען און בעגיין אויף דער קומענדער צייט און דארף איינפליסען די איבער-ציינוגג, אז וואס מער הינדערניסען, וואס מער רדיפות און פערפאלגונגען מיר בעגעגענען אויף דעם וועג, וועלכער פיהרט אונז צו פרייהייט—אלץ מעהר דארף זיך ביי אונז שטארקען די איבערצייגונג אין דער נייטיגקייט פון אונזער שטרייט, אלץ שטארקער דארף זיין די בעדערפעניש זיך צו בעפרייען, אלץ ווייניגער דארפען מיר אנווענדען אונזערע כוחות אויף אינעווענינגסטע שטרייט, אלץ שוואכער דארף ווערען צווישען די ארבייטער די קנאה און שנאה. און אין אנגעזיכט פאר דעם אבסצען[28] פיינד דארפען אלע, האנד אין האנד, פעראייניגט ארויסגיין מיט איהם צו קעמפפען.

---

# ארבייטער בלעטטל נומ. 5, 1897

[ז' 5:] ווילנא איז חול המועד יום טוב פארגעקומען ביי-צוווינען א וונדערליכע און זעלטענע ערשיינונג: מען האט געפירט איבער די גאסען דורך גאנץ שטאט 51 מאן ארומגע-רינגעלט מיט סאלדאטען מיט בלויזע שווערדען. אונטער די 51 מאן זיינען געווען 31 מענער און 20 פרויען. די גאנצע געמיינדע מענשען האט מען געפירט אין טורמע!—וואס-זשע איז דער פערברעך פון די יונגע מענשען, וואס זיינען געגאנגען מונטער, לעבעדיג, הויך איפגעהויבען די קעפ לאכענדיג און וויצלענדיג זיך? צו דען זיינען דאס מערדער, גנבים אדער אפשר גלאט הולטייעס? ניין, דאס זיינען געווען פראסטע ארבייטער און ארבייטערקעס און צווישען זיי זיינען אויך געווען איניגע אינטעליגענטע יונגע מענשען. דער פערברעך זייערער איז בעשטאנען אין פאלגענדעס: הארעווענדיג דעם גאנצען יאר, ווערענדיג פערחושכט אין די מייסטערסקאיעס, האבען זיך העכער הונדערט מאן ארבייטער און ארבייטערקעס צונויף געקליבען אונטערן שטאט צו פערברייגען אן אווענד אויף תנאים ביי זייערן א באקאנטען. ביי נאכט אזייגער האלב 1

---

25 א שיכור און אויסוואורף.

26 האנדלונג.

27 פאל, צופאל.

28 אלגעמיינעם.

איז אויף די שטוב, ווו עס איז פארגעקומען דער תנאים, אנגעפאלען פאליציי און געמאכט א גאנצע סומאטאכע.[29] איינציגע זיינען שאהן פריער פארנאנדער געגאנגען, אנדערע זיינען צולאפען געווארען, און פאליציי האט זיך איינגעגעבען צו פערהאלטען 51 מאן. ביז פיר פארטאג האט זיי גיהיט פאליציי אין די שטוב, ווו ס׳איז פארגעקומען די שמחה. — [ז׳ 6:] אזייגער 4 איז געקומען צו פארען שזאנדארמסקער פאלקאווניק וואסילעוו מיט א גאנצע כאלאסטרע זשאנדארמען און פאליציי. פון דארטען האט מען זיי אפגעפירט אין שטאט אויף דעם פאליצייסקען הויף. אין פאליציי האט מען זיי געהאלטען אויפן הויף ביז 6 פון אווענד און דאן האט מען די מענער אפגעפירט אין מענסקע טורמע און די פרויען אין דאמסקע טורמע. אין די טורמעס האט זיך אנגעהויבען דער דאפראס.[30] אז פערשטייט זיך, אז מען האט יעדערן פארנאנדערגעפרעגט בעזונדער. וואסיליעוון האט זיך געדאכט, אז ער האט ארייגעכאפט אין האנד די רעכטע אנפיהרער פון ווילנער ארבייטער בעוועגונג, ער האט געהאפט, אז איצטער וועט ער קענען מאכען א סוף פון די הולטייעס, וואס האבען א חוצפה צו שטרעבען זיך צו א מענשליכען לעבען. ער איז געווען זיכער, אז ער האט אין האנד אלע פעדים, מיט וועלכע ער וועט קענען בינדען די שטרעבונג צו פרייהייט, וועלכע וואס ווייטער ווערט אלץ שטארקער אין די גערריקטע ארבייטער-מאסע! נאר אומזיסט אלע האפענונגען! יעדערער באזונדער און אלע ארבייטער און ארבייטערקעס צוזאמען האבען געטענהט אז זיי האבען זיך צונויפגעקליבען אויף א תנאים; און ווי דער פלייסיגער פאלקאווניק האט זיך ניט געסטארעוועט אויסצודרייסען פון איינציגע נאך גאר יונגע און אונבעוווסטע ארבייטערקעס און ארבייטער זיי זאלען מודה זיין, אז אויף די פער-זאמלונג איז פארגעקומען וואס ס-איז פערברעכערליכע געגען די מלוכה, האט זיך דאס איהם ניט איינגיגעבען. און פרייטאג (דעם ערשטען טאג פון די אנדערע טעג יום טוב) האט מען געמוזט אלעמען בעפרייען.

פריער האט מען ארויסגעלאזען די מענער—אלעמען מיט אמאל, און אין א פאר שטונדען ארום האט מען געדארפט ארויסלאזען די פרויען. די מענער האבען זיך צונויפגעקליבען געגען פאליציע און האבען געוואלט מאכען אנ אוואציע זייערע פריינדינען. נאר דערצו איז ניט דערגאנגען. די פרויען האט מען פארנאנדערגעשיקט אין די אוצאסטקעס, צו וועלכען יעדערע איז צוגעשריבען.

וואסיליעוו האט געמוזט מודה זיין, אז די ארבייטער האבען איהם דעם מאל בייגעקומען, דאס האט ער געזאגט צו איינע פון די ארבייטערקעס אויפן דאפראס. נאר דעם אמת זאגענדיג פארשטייט ער אליין ניט די גאנצע ווירקונג, וואס די אלגעמיינע ארעסטען האבען געמאכט ווי אויף די ארבייטער, וואס זיינען געווען ארעסטירט, גלייך אויך אויף די, וואס זיינען געבליבען פריי. די ארבייטער האבען זיך נאך אמאל ערקונדיגט ווי נויטיג איז פאר זיי—פאר דעם בעפרייאונג פון דעם עקאנאמישען יאך—האך די ערשטע פאליטישע רעכטען: פריי פער-זאמלונג, פריי [ז׳ 7:] ריידען, פריי שרייבען, פריי סטרייקען. — זיי זעהען, אז זייער ווייטערדיגער קאמף איז א קאמף געגען אבזאלוטיזמוז, געגען פאליטישען יאך. די פאליציי און אנדערע קייזערליכע שמשים און כלי קדש שטופען די ארבייטער אויף דעם וועג, אויף וועלכען עס קען זיין ביי אנדערע געלעגענהייטען וואלטען זיי ארויף עטוואס שפעטער. און מען דארף מודה זיין, אז דער ווילנער אידישער ארבייטער קוקט אפען און מונטער פארוועטס און וואס ווייטער מאכט ער אלץ גרעסערע פארשריטע אין זיין בעוועגונג.

ווילנע. — אין ענדע פון חודש מארט האבען די ווילנער פוילישע ארבייטער צום ערשטען מאל אנגיהייבען א שטרייט מיט זייערע בעלי-בתים. פון אנפאנג האבען אויפגיהערט צו טהאן די ארבייטער ביי מיכאלאווסקען; זיי האבען געפאדערט העכערע שכירות און דער בעל הבית האט זיך געמוזט אין צוויי טעג ארום אונטערגעבען. נאר די סטאצקע[31] איז גיוועזען

29 מהומה.

30 דאָס אויספרעגן, פאַרהער.

31 סטרייק.

מער ניט אזוי אנהייב. אין א פאר טעג ארום האט מען גיוואָרפען די ארבעט אין די פיר גרעסטע מאַסטערסקאיעס און אומעטום האט מען געפאָדערט, אז די בעלי בתים זאלען העכערען די שכירות אויף א רובל פון שטיק. די בעלי בתים האבען געמאַכט א אסיפה און בעשלאסען זיך ניט אונטערצוגעבען, און מיכאלאווסקען האָבען זיי געניטיגט אפצוזאָגען ווידער די ארבייטער אין זייערע פאדערונגען, און מיט דאס האבען זיי ווידער ארויסגערופען דארטען א סטאצקע. נאר לאַנג האבען זיך די בעלי בתים ניט געקענט האלטען, ווייל גראד אין דער צייט האט מען ביי זיי געמאַכט גרויסע באשטעלונגען און דער נויט האט זיי געמאַכט פאר חכמים, און האט זיי ארויפגעפיהרט אויף דער ריכטיגער וועג: זיי האבען צוריק געקליבען צווישען זיך א היבשען גראשען און צוגעפאלען מיט די מטבעות צו דעם פאליצמייסטער, ער זאל זיי העלפען. דער פאליצמייסטער האָט די לאַפקע צוגענומען מיט ביידע הענט און האט זיך אנגעהייבען צו סטאַרעווען. — ארבייטער האָט ער געכאפט אין די גאסען, געשלעפט זיי אין די אוצאַסטקעס, געטענהט מיט זיי, נאר די ארבייטער האָט ער ניט איבערגערעדט. דאן האט ער זיך געווענדעט צו דעם היגטישען בריה—דעם זשאנדארמסקען פאלקאווניק—וואַסיליעוו. דער לעצטער האט פאררופען צו זיך א ארבעטער און האט אים אנגיהייבען צו סטראשען מיט סיביר, און ווען דאס האט ניט געהאלפען, האט ער זיי אנגיזאגט, אז עס איז דא א זאקאָן, אז דער ארבייטער דארף מיט צוויי וואכען פריער אנזאגען אויב ער וויל אוועקגיין פון מאַסטערסקאיע, און ווייל די שניידער האבען דאס ניט געטאן, וועט ער זיי אלעמען ארייַנזעצען אין אָסטראָג[32], און די ניט-היגע, ביי וועלכע [ז' 8:] די פאפירען זיינען ניט אין ארדענונג, וועט ער מיטן עטאפ פארנאנ-דערשיקען. די ארבייטער האבען ניט געוווסט, אז דער זאקאָן האט צו טאן ניט מיט רעמעסלעניקעס נאר מיט פאבריצנע ארבייטער, אז אַף ארויסשיקען אימיצען פון שטאט דארף ער האבען א פאזוואלעניע[33] פון מיניסטער, און אז זיינע סטראשונקעס זיינען קיין גראשען ניט ווערט, ווען אלע וועלען זיך האלטען איינס. די מעשה איז געוועזען ערב יום טוב, און פארברייגגען יום טוב אין אסטראָג האט זיך קיינעם ניט געוואָלט, און די ארבייטער האבען זיך אונטערגעגעבען.— מיר האפען אז דער סלוטשאַי וועט ברייגגען דעם נוצען, וואס ער וועט אָנלערנען די ארבייטער ווי זיך פאָרויס צו האלטען.

דעם 6 טען אפריל, זעקס אזייגער פארטאָג האט מען געפונען אין ווילנע, אויף איינע פון די זייטיגע גאסען אין רינשטאָק, דעם בעוווסטען שפיאָן ר א פ אַ ל ק א—א געהרגעטען. א געוועזענער סטאליאר, האט ראפאלקא שוין לאַנג אוועקגעוואָרפען זיין ארבעט און איז אנגעקומען אויף דינסט אין זשאנדארמעריע. דארטען האט ער זיך ארויסגעוויזען פאר זייער א פעהיגען שפיאָן און מען האָט איהם געמאַכט פאר א נאַטשאַלניק[34] איבער אלע איבעריגע שפיאָנען. גאנץ ווילנע האָט איהם געקענט, און די גוטע נייעס, אז מען האט מיט איהם גיקאנצעט,[35] האט יעדערער באגעגענט מיט גרויס פרייד.

ו ר אַ ר ש ע. — אין דער זעלבער צייט האט מען אין ווארשע אויך געפונען א געהרגעטען שפיאָן און צוליב דעם איז דאָרטען געווען אַ פאָר ארעסטען.

מ י נ ס ק. — היינטיגען חול המועד פסח איז גאנץ מינסק געוועזען איבערראשט מיט צוויי אזעלכע נייעסן, צו וועלכע דער עולם איז גאר ניט געווינט. ערשטענס האט מען דעם שפיאָן— אַ ב ע ר א ל נ י ק, וועגן וועלכען מען האט אונז שוין איינמאל געשריבען, בעגאסען דאס געזיכט מיט אָלעם,[36] וועלכער עס האט אים כמעט בלינד געמאַכט. און צווייטענס האט די פאליציי געמאַכט מיט א נאַכט שפעטער מאַסענהאַפטע אביסקען ביי ארבעטער, און חאטיא מען האט ביי קיינעם גאָר ניט געפונען האט מען דאך 9 מענשען ארעסטירט. 4 ארבעטער האט מען

32 תפיסה.

33 דערלויבעניש.

34 שעף, עלטסטער.

35 געמאַכט אַ סוף.

36 שוועבל-זייער.

אין א פאָר טעג ארום ארויסגעלאָזען, און די פאלגענדע 5 זיטצען נאך ביז היינטיגען טאג: לייבע אסס, ראובן איינבינדער, יצחק וואלין, לייבע קארפ און הענדיל (די פאמיליע איז אונבעוווסט). איינינגע פון זיי בעשולדיגען זיך [ווערן באשולדיקט] אין דעם, וואס זיי האבען נימאכט פעראיינען צווישען ארבעטער און זיי אנגירעט צו סטאצקעס, און אנדערע בעשולדיגט מען אין ראלניקס מפלה. צו די ארעסטירטע דערלאזט מען קיינעם נ״ט. אויף די פראזבעס[37] פון די קרובים האָט דער זשאַדארמסקער פאלקאווניק גראָב ענטזאגט.

---

## ארבייטער בלעטל נומ. 6—7, יוני 1897

[ז׳ 8:] באָריסאָוו—מינסקער גובערניע.—אויף דעם שוועבעל פאבריק „וויקטאריא“, וואס געהערט צו סאלאמאנאווון און גערשמאַנען עקזיסטירען שווידערליכע ארדענונגען. גענוג איז, אז וועגען איהר האָט מען גענומען ריידען אין אונזערע צייטונגען—אַזאַ אָפענבארקייט איז ביי אונז זעהר זעלטען, און דאס איז אויך צוליב דעם, וואס די געדריקטע ארבעטער האבען אליין גענומען זוכען דעם אמת דורכען סוד.[38] אין סענאַט ליגט אויך איצטער א דיעלע[39] וועגען דער פאבריק. מיט א יאר צוריי צורי צודיק האָט דער סמאָטריטעל[40] פון פאבריק, ראזענטאַל, פיר אלע מיידלאַך אין די אויגען שרעקליך צוה־גגעט א 17 יאריקע ארבייטערקע. פון פאבריקע האָט מען איהר אוועקגעפירט א היים אויף א שליטען. די דאקטורים האבען געפונען, אז ביי איהר איז נערייהרט דער מאַרך. איצטער איז שוין צוויי יאהר מיט 4 מאָנאַט ווי די מיידעל ליגט צו בעט. אונטער דער צייט איז איהר פאָטער געשטאָרבען פון קלעמענעס, איהר ברודער האָט מען אפגעזאגט פון פאבריק דערפאר, וואס די מאַמע האָט אנגיגעבען אין סוד אויף די פאבריקאַנטען.

נאָר דאָך האָבען זיך די פאָריאַדקעס[41] אויפן פאבריקע ניט געביטען. אונטער דער צייט האָט מען ווייטער געשריבען וועגען דעם, וואס דארטען טוט זיך. ווי עס ווייזט אויס דער פאקט מיט די 17 יאריקע מיידעל האט קיינעם ניט אפגעשטראַסעט צו גיין טאן אויפן פאבריקע, ווייל דער נויט טרייבט זיי אהין.

אויפן סצענע איז ארויסגעשווומען אַ אנדער העלד פון פאבריק, דער אויפזעהער גינזבורג. [ז׳ 9:] ער האָט געפונען, אז די מיידלאַך זיינען ניט קליין ביי טאג צו האָרעווען אויפן פאבריק און ביי נאַכט נאָכגעבען זיינע ווילדע געפיהלען... און די וואס פלעגען דאס ניט וועלען, פלעגט ער שלאָגען אדער אבזאָגען פון דער ארבעט. אז וועגען דעם האָט זיך בעוויזען א קאָרעספאָ[נ]דענץ אין „מינסקי ליסטאק“, האָט גינזבורג אנגעגעבען אויף דעם רעדאקטאר, אז ער פערשענדט זיין נאמען. די דיעלא האָט זיך ראזביראיעט אין מינסקער אקרוזשנאָי סוד.[42] דא איז ערקונדיגט געווארען, אז אלץ וואס מען האָט געשריבען וועגען דער פאבריקע איז אמת, און דער רעדאקטאר איז ארויס ריין.

נאַצאַלסטווא, ווי מיר זעהען, האט שוין געהאַט אפולע מעגליכקייט צו זעהען וואס דארטען טוט זיך. און דאך הערן ניט אויף צו פאסירען אזעלכע זאכען. אנגעבען אין סוד, סטארען זיך, אז יעדער פאקט זאל בעוווסט ווערן אויף דער וועלט, איז גאנץ גוט, נאר דאָך איז די איינציקע הילף פאר די ארבעטערקעס פון „וויקטאריא“, גלייך ווי פאר אלע ארבייטער אין דער גאנצער וועלט, זיך ארגאניזירען, זיך פאראייניגען, כדי אלע צוזאמען שטעלען זיך נעגען זייערע דריקער.

---

37 בקשות.

38 גערעכט.

39 גערעכט-ענין.

40 אויפזעער.

41 אָרדענונגען.

42 פאַראָנדלט געוואָרן אין קרייזגעריכט.

מינסק. — צו זיינען ווערט אונזערע מינסקער ארבייטער, אז נאַצאַלסטווא זאָל זיך מיט זיי אינטערעסירען, ווייס דערווייל איין בורא און אפשר מיט דער צייט וועט נאַצאַלסטווא אויך וויסען, נאר דערווייל לאָזען די זשאנדארמען אונז ניט לעבען. ביז איצטער האט אונזער אלטער פאלקאָווניק געשלאפען: ער איז זיך געזעסען רוהיג, און האט געוויס פון צייט צו צייט געשריבען ווי מ׳ען דארף, אז אלץ איז אין ארדענונג. נאר פאר היינטיגען פסח האָט ער זיך מיט אַמאָל א ריס געטאָן און אין איין נאַכט געמאכט העכער 15 אביסקען. ווי דאס איז שוין ערקונדיגט געוואָרן איז דאס געווען אבע ראלניקס ארבעט, ווי זיין ווייב זאגט איצטער: אחינו בני ישראל זיינען אים מקנא, וואס ער האט גענומען פארדינען (דורכ׳דעם וואס ער דינט פאר א שפּיאָן) און דעריבער איז מען אויף איהם אין כעס.

עס קען געוויס זיין, אז אידען דארפען זיך טאקע קלאפען אין הארצען ביין [בײַם] על הטא איבער קנאה, נאר ראלניק איז פארט א שפּיאָן, און ניט קוקענדיג וואס ער גייט ארום אין גרינע ברילען מיט א צורה אן הויט (אַזאַ צורה איז געוויס קיינער ניט מקנא?...) וועלכע ווארפט ארויף אַ שרעק אויף קליינע קינדער און א שוידער ביי דערוואקסענע, רעדט ער זיך אפּען, אז מיט איהם דארף מען זיך וויסען ווי צו באגיין, ווארום ער דינט אין טאיינע פאליציע.[43] ביי אונזערע זשאנדארמען איז אַזאַ אויסוואַרף אויך א קרן און מען בענוצט זיך מיט זיינע מסירות. צו ראלניקען האבען זיך געפונען נאך א פּאָר גוטע ברידער, וואס האבען אויך פערזוכט דעם [ז׳ 10:] ברויט פון א מסור, און אונזער ביז אהער שלאפעדיקער פאלקאָווניק האט קיין מנוחת שעה ניט. עס גייט כמעט דער טאג ניט אוועק, וואס מען זאל ניט רופען אין ״פּראוולעניע״[44] א שוסטער, א שניידער, א שלאָסער, א בעל הבית, א פאדמאַסטעריע,[45] א לערנ-אינגעל — און מען זאל ניט פארנאנדער פרעגען צו קענען זיי ניט „דעם און דעם״, צו האבען זיי ניט געהערט וועגען אזא מעשה? ווער האט פאנאנדערגעטיילט געלד ביי „די און די סטאצקע״ א. ז. וו. דערהויפּט אינטערעסירט מען זיך מיט די מאַסטערסקאיעס: ווו זיינען געווען אמאָל, האָט מיט איניגע יאר צוריק, סטאצקעס, און מיט די ארבייטער, וואס האבען אין זיי אנטייל גענומען. וואס זאגען די בעלי בתים און אנדערע ארבייטער איז שווער צו זאגען. די וואס גיבען וואס ס׳איז ארויס, פערשטייט זיך, שווייגען דערנאך וועגען דעם: נאר דאך לאָזט זיך דערנאך הערען, אז דעם זוכט מען, דעם פרעגט מען א. ד. גל. ס׳ווערט דערנאך בעוווסט, אז דער האט זיך בענאַרעשט, און דער האט זיך אויסגערעדט, און אפשר טאקע געזאגט דאס, וואס ער האט געמיינט צו זאגען. נאר ווי די מעשה איז, די מהומה האט א צווייאיגעווירקונג — א שלעכטע און א גוטע: פון איינער זייט האבען וויניג סאזנאַטעלנע און שוואכע ארבייטער גענומען זיך שרעקן פארן אייגענעם שטן; די מהומה גיט אויך א באדען, ווו נידערטרעכטיגקייט, מסירות און פאלשקייט שווימען ארויס אויף דער פלעכע; נאר פון דער אנדער זייט דערוויסען זיך די העכער ענטוויקעלטע ארבייטער, אז די מעשה איז גאר ניט אזוי סטראשנע, ווי דאס האט זיך געדאכט ביז אהער, און אז דער וואס וויל זיך ניט בענאַרעשען און ניט ארויסגעבען זיך און זיינען ברידער, קען דאס אויך לייכט ערדרייכען. די ארבייטער-זאך ליגט ניט ביי זשאנדארמסקען פאלקאָווניק אין די הענט און אויך ניט ביי ראלניקן און נאך אזעלכע, וואס פערקויפען די בכורה פאר א טעלער לינזען. די ארבייטער-פראגע, דען קאמפף פון די ארבייטער געגען זייערע אונטערדריקער, האט קיינער ניט אויסגעקלערט, נאר דאס האט מיטגעבראכט דער לעבען. און כל זמן עס וועלען זיין דריקער און געדריקטע, כל זמן עס וועלען עקזעסטירען עקספּלואטאטארן און עקספּלואטירטע וועט זיך פיהרען א קאמפף, ניט קוקענדיג וואס שוואכע און טויגעניכטסן וועלען אבפאלן. דער לעבען איז שטארקער פאר זיי!...

---

[43] געהיימע פּאָליצײַ.

[44] פּאַרוואַלטונג, געמיינט — זשאַנדאַרמעריע-פּאַרוואַלטונג.

[45] אַ געזעל, אַן אַרבעטער.

[ז׳ 16 :] אז דער נומער "ארבייטער בלעטל" איז שוין געווען פארטיג, האבען מיר באקומען פון ווילנא פאלגענדע נאכריכטען:

1.—איז דארטען געווען א גרויסע סטאצקע פון וואשאווניקעס (ארבייטער וואס שלעפען די פלאָטען פון וואסער אפין ברעג). זייערע פאדערונגען זיינען די פאלגענדע: 1—א 12 שעהיגער ארבייטס-טאג (ביז איצטער האבען זיי געארבעט פון זון אויפגאנג ביז די זון [ז׳ 17 :] פארגייט, דאס איז אן ערך פון א שעה 15—16), 2—ביי צוויי פערד זאלען זיך געפינען דריי מענשען (ביז איצטער פלעגען זיך געפינען מער ניט ווי צוויי מענשען). אין סטאצקע האבען אנטייל גענומען ביז 300 מאַן. ווי מיר האבען געהערט האט זיך שוין די סטאצקע געענדיגט און אלע פאדערונגען פון די ארבעטער זיינען ערפילט געווארען. וויכטיג איז דאס, וואס אין דער סטאצקע האבען גענומען א גלייכען אנטייל אידען און קריסטען און ביז צום סוף האבען זיי זיך געהאַלטען פעסט פעראייניגט אין זייערע פאָדערונגען.

די צווייטע נאָכריכט: אז די ביאַליסטאָקער דיעלע וועגען דעם פיהרען אגיטאַציע צווישען ארבייטער האט זיך יעצט געענדיגט. צוויי אינטעליגענטען האט מען פעראורטהיילט צו פערשיקען אין טיף סיביר אויף פינף יאר; צוויי ארבייטער אויף דריי יאר אין טיף סיביר, נאך צוויי אינטעליגענטען: אַ מאַן מיט א ווייב—אויף דריי מאנאַטען זיצען; 1 ארבייטער אויף 4 מאנאַט, און אלע איבעריגע שיקט מען ארויס פון ווילנע. 3 פון זיי האט מען פארגעלייגט פאלגענדע פיר גובערניעס: פאלטאווער, כערסאנער (א חוץ אדעס), יעקאטערינאסלאַווער און טאווריצעסקי. דארטען דארפען זיי זיין פון 2—4 יאהר אונטער דער אויפזיכט פון דער פאָליציי.

---

## ארבייטער בלעטטל נומ. 8, אויגוסט 1897

[ז׳ 3 :] ביאַלאָסטאָק — יולי 1897 (א בריעף פון אן ארבייטער). אין ביאַליסטאָק האט דער לעבען שוין לאנג בעוויזען די ארבייטער, אז זיי האבען איין איבעריגען קאמף מיט די פאבריקאנטען, נאר דער קאמף איז אלעס געווען אָן א פערשטאנד: אז ס׳איז געווארן שלעכט, ס׳איז געווארען שווער צו לעבען, האט מען געשריען, געשלאגען, געבראכען שויבען: נאר קיין גרויסע פעולה האט דאס ניט געמאכט. אזוי האט זיך ביי אונז געצויגען ביז דער צייט, ווען עס האבען זיך בעוויזען מענשען, ווי צווישען די ארבייטער אזוי אויך פון דער זייט, וואס האבען געזעהען, ווי עס פיהרט זיך דער איבעגער קאמף צווישען די ארבייטער און פאבריקאנטען אין אנדערע שטעט. די אַגיטאַציע, וואס האט זיך גענומען פון דאן אן פירען צווישען די ארבייטער, האט אין גיכען גיגעבען די בעסטע רעזולטאטען. די ערשטע האבען ערייכט א 12 שעהיקן ארבעטסטאג די וועבער אויף די קליינע פאבריצקעס (דארטען ארבעט מען אָן דאמף-שטולען נאר דורכאויס מיט די הענד). נאך שבעות האט מען געהאַט די מיגליכקייט איינצופירן דעם זעלבען ארבייטס-טאג ביי די לאנקעטניקעס (פאסרעדניקעס) זיי . . . . . . .[46] גיוועז ארבייטער-מייסטערס. פריהער האט מען געטראכט [ז׳ 4 :] ארויסצופיהרען[47] אין גאנצען די לאנקעטניקעס. די פאבריצקעס האבען דאס אויך געוואלט, ווייל די לאנקעטניקעס גיבען מעגליכקייט די קליינציקע פאבריצקעס קאנקורירען מיט די גרעסערע, נאר די ארבייטער האבען דערזעהן, אז דערפון וועט זיי דערווייל ווערן נאך ערגער, ווייל די בעלי בתים פון די גרעסערע פאבריקען וועלען ניט קענען צונעמען אזא מיינגע ארבעטער, ביז 1500 מאן, קיין געלד זיי ארויסצוהאלטען איז אויך ניטא. דעריבער האבען זיי גירעשעט אויף א אבסצע סאבראניע,[48] אז מען זאל דערווייל איינאָרדנען דעם 12 שעהיגען ארבייטס-טאג, און ארבעטען זאל מען ניט מער ווי 10 שעה ריינע, און אויפהייבען דעם פרייז אזוי, אז די לאנקעטניקעס זאלען ביסליכווייז . . . . .[49] זייער

---

46 אין אָריגינאַל אומקלאָר.

47 דאָ אין זינען פון באזײַטיקן, אָפּצושאַפן (פֿונעם רוסישן ВЫВОДИТЬ).

48 באַשלאָסן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

49 אומקלאָר.

מארק. דאס האט גימוזט קאסטען אַ סך געלט, און ביי זיי איז גאר ניט געווען. דעריבער איז מען געקומען צו אַזאַ פּאל, מען זאל זיי לאזען אַ קאַפּיקע פּערדינסט: די פאבריקאנטען למשל צאלען 8 רובל, זאל מען ביי זיי בעטען 7 רובל. אויף דער סאבראניע איז געווען עטליכע הונדערט מאַן—ס׳איז געבליבען, אז מען זאל קיין שטייער־הילף קיינעם ניט געבען; ווער עס וועט פילען אז אים פעהלט זאל גיין צו אַ באַקאנטען אויף אַ ראיעלן פאבריק (די סטאַצקע האט פערנומען נאר די לאַנקעטניקעס), און וועגען דעם דארף מען אנזאגען.—אויף דעם צווייטען טאג האבען זיך צונויפגעקליבען אלע ארבעטער פון די לאנקעטניקעס און אַ סך פון די ראיעלע פאבריקען. ס׳איז געווען אַ גרויסע מאַסע און מען האט געהאַלטען רעדעס צו קרעפּטיגען די ניט סאזנאַטעלנע ארבייטער. אלע 1500 מאַן האבען די סטאַצקע אויסגעהאַלטען שטייף. אין גאנצען האט עס געדויערט 4 טעג. די לאַנקעטניקעס האבען זיך געמוזט אונטערגעבען, דען דער סעזאָן האט זיי געקוועטשט. די פיר טעג זיינען געווען יעדער טאג סאבראניעס. אונטער דער צייט האט מען אויסגעפירט אַ טאַלפּאַ[50] פון עטליכע הונדערט מאַן צום פּאליצמייסטער. די ארבייטער האבען זיך וועניג געשראָקען. אויף יעדער פראגע האבען זיי איין זאך געטענהט: „מיר ווילען עסען און דער פערדינסט האפט ניט [קלעקט ניט]“.

אין דער צייט האט זיך ארויסגעוויזען דער קנעכטישער כאראקטער ביי איינציגע פון די ארבייטער. איינציגע האבען אויפגעוויזען ווער ס׳האט גערעדט פאר דער מאַסע. די לאנקעטניקעס וואלטען זיי אַבזאָגען, נאר ווייל זיי האבען מורא פאר דער מאַסע, האבען זיי גערודפט מיט דעם וואס זיי האבען זיי קיין ארבעט ניט געגעבען. נייע ערטער איז שווער צו נעמען, דערצו האבען נאָך איינציגע הונדערט ארבעטער ניט געקאָנעקט מיט זייערע לאנקעטניקעס; די פריצינע דערפון איז, וואס די ארבעט איז ביי זיי ניט סראַצנע.[51]

[ז׳ 5:] אין דער מאַסע האבען זיך געפונען ארבעטער, וואס האבען זיך גענומען בעטען ארבעטען אויף 6 רובל און די בעלי בתים האבען זיי גענומען ארבעטען. ס׳פּארשטייט זיך, אז דאַ איז געוואָרען אַ געשריי פון די אנדערע. מען האט זיך דערוווסט, אז איינציגע פון די ארבעטער מאכען אפּ מיט די בעלי בתים שטילערהייט, בעזונדער אויף 6 רובל, און אין קניזקע[52] שרייבט מען 7 רובל און די קניזקע געפינט זיך ביים לאנקעטניק.

דאס האט מיטגעבראכט ווידער אַן אבסעע סאבראניע נאָנט פון 2000 מאַן. דאַ האט מען זיך דערוווסט, אז אין איינציגע ערטער ביי אידען און קריסטען איז ניטאָ קיין סאגלאַסיע.[53] אויף דער סאבראניע איז נערעשאַיעט[54] געוואָרען, אז די קריסטען, וועלכע זיינען געווען אויף דער סאבראניע, מוזען גיין אהין, ווו מען האָט זיי אנגעוויזען, צונעהמען די קריסטען פון דער ארבעט; די זעלבע דארפען טאָן די אידען.

אויף דער סאבראניע האבען זיך געיאַווּעט[55] פּאָליצייסקע 11 מאַן. זיי זיינען געשטאַנען אַ קורצע צייט, קיינער האט מיט זיי קיין ראזגאָוואָר[56] ניט געמאכט. זיי זיינען אוועק. אין אַ האַלב שעה ארום איז געקומען אַ פּריסטאַוו, שיכור און מיט אַ ציטערנדער שטימע האט ער געבעטען מען זאל האָך ביי אים בעטען אַ ראזרעשעניע.[57] „פון פעטערבורג, האט ער געזאגט, האָב איך באַקומען צוויי טעלעגראַמעס וועגען סכאָדקעס, און איך האָב ניט געוווּסט, וואס צו ענטפערן.“ אויף דער מאַסע האט דאס געמאַכט דעם בעסטען איינדרוק, זי האט דערזעהן איהר קראַפט.

---

50 אַ גרויסער עולם, אַ המון.

51 אויף אַ טערמין, דרינגלעך.

52 ביכל, ארבעטביכל.

53 הסכם, אחדות.

54 באַשלאָסן געוואָרן.

55 באַוויזן.

56 שמועס.

57 דערלויבעניש.

ביי נאוויקאוועוען איז געווען אין דער זעלבער צייט א קליינע שטרייט [שטרייק]. דער פאבריקאנט האט זיך געווענדעט צו פאליצע. זי האט ארעסטירט 7 מאן פון די ארבעטער און האט געהייסען די איבעריגע גיין אפטאן די 14 טעג פון זאקאן. די ארבעטער האבען זאיאוועט,[58] אז זיי וועלען ניט גיין ארבעטען, ווי מען וועט ניט ארויסלאזען די 7 געפאנגענע. די פאליציי האט געמוזט נאכגעבען.

פון די מענער שטייען אויך ניט אפ די פרויען: שערעריקעס, שפינערקעס און אנדערע ווארפען אפט די ארבעט און פירען אויס וואס זיי ווילען.

ביי שניידער און סטאליארעס טוט מען מער ניט ווי צען א האלב שעה. די דווזשעניע[59] האט אנגערירט אין ביאליסטאק אלע מלאכות, און ווו ס'איז נאך שטיל קען מען האפען וועט זיך אין גיכען אנהייבען. די „עפידעמיע" רירט אן אויך קליינע שטעטלאך. אין א קליין שטעטל „קרינקי" ארבייטען העכער ווי 1000 מאן קאזעווניקעס (גארבארעס). צווישען די ארבייט(ער)-געבער האט זיך ארייגעמישט דער מייסטער, אלעס פאסרעדניק.[60] דערפון איז ארויס א גרויסע סטאצקע. אלע ארבעטער האבען אוועקגעלייגט די ארבעט און האבען זאיאוועט די ארבייט(ער)-געבער און דעם אינספעקטאר, אז אנדערס וועלען זיי ניט גיין ארבעטען, סיידען די ארבעט-געבער זאלען זיי אליין צאלען און זיי וועלען מער [ז' 6:] ניט ארבעטען ווי 10 שעה רײנע. און אזוי ווי ס'איז ניט געווען וואס צו עססען איז א פארטיע אוועק אויפן פעלד ארבעטען. פון אנהייב איז אוועק 30 מאן, נאר אז ס'איז געווארען ווייניג די סומע (אלע האבען בעקומען פארן טאג 9 רובל) זיינען אוועק נאך 90 מאן. ווי מען האט איבערגעגעבען האבען זיך די ארבעטער גוט געפירט און האבען געפויעלט וואס זיי האבען געפאדערט.

אויך איז געווען א סטאצקע צווישען די וועבער אין נאוואגרודאק. די שטרייט האט זיך אנגיהייבען צוליב די שערערקעס און די שפוליארקעס; לײדער קען איך איצטער ניט בענאכ־ריכטען וועגען די פאדראבנאסטען.[61] וועגען דעם וויל איך אייך שרייבען א צווייטען מאל.

ווילנא. — ליעבער לעזער! דו קענסט זיך פארשטעלען ווי פילט זיך א מענש, וואס איז אויפגעשטאנען פון א שרעקליכען קראנק און וואס איז געזונד געווארען, נאר וועלכער האט אנגעווארען די ריאה [ראיה], אדער ער האט אויפגעהערט צו הערען? דאס איז געוויס א שרעקליכע לאגע: דער נייער בלינדער הערט ארום זיך די ליבליכע בעקאנטע שטימען, ער הערט און פילט ארום זיך די לעבעדיגע נאטור, ער געדיינקט, ווי עס האט אויסגעזען יעדער זאך... נאר, ער זעט דאס ניט! טרערען גיסען זיך פון די פינסטערע אויגען, און וואס ווייטער קלערט ער אלץ מערער וועגען דעם וואס ער האט אמאל געזעהן. ער קלערט וועגען די פארבען פון די בלעטער, וואס רוישען ארום איהם, ער דיינקט וועגען די פארמען, די צייכען פון די געזיכטער, וועלכע זיינען ארום אים און גיבען אים הערען זייערע שטימען. נאר ווען איינער פון די גוטע פריינד וועט זיך נאנט צו אים צוזעה[צ]ן און צוזאמען מיט אים זיך נעמען דערינערן, וואס זיי האבען צוזאמען איבערגעלעבט, וואס זיי האבען אמאל אנגעזעהן, ווען ער וועט אים נעמען איבערגעבען וויפיל פריינד ער האט געלאזען אין אלע שטעדט און וויפיל בריעף עס בעקומט זיך יעדער טאג אויף זיין נאמען מיט אנפראגע אן זיין געזונד — דאן וועט דער בלינדער איבערלעבען פרייליכע מאמענטען — ער וועט וויינען, נאר דאס וועלען זיין פריידע טרערען, ער וועט וויינען פון פרייד, וואס ער האט אן זיך געלאזען אזא גוטע אנדיינקונג צווישען זעהעדיגע מענשען. — אזעלכע מאמענטען רעכען איך האבען איבערגעלעבט אונזערע געפאנגענע ברידער פון ביאליסטאקער פראצעס, ווען זיי זיינען דורך געפארען דורך ווילנא נאך פעטערבורג אום צו גיין פון דארטען אויף פילע יארען נאך סיביר. די זיסע און אין דערזעלבער צייט שמערצענדיגע מאמענטען האבען מיטגעבראכט דעם בעגלייטונג, וועלכע האבען זיי געמאכט

58 דערקלערט.

59 באוועגונג.

60 פארמיטלער.

61 פרטים.

איינינע צעהנדליג סאזנאַטעל-ע ווילנער ארבעטער. ערסטענס, האט מען גענוי געוווסט, מיט וועלכען פאיעזד[62] האבען געזאלט קומען די פערשיקטע. צו דער צייט זיינען 60—70 מאַן געווען אויפן וואקזאל. מען קען זיך פארשטעלען די פרייד פון די [ז' 7:] געפאנגענע, אז זיי האבען דערזעהן ארום זיך אזוי פיל בעקאנטע געזיכטער, מיט פילע פון וועלכע זיי האבען איבערגעלעבט אלערלייא צייטען, אי גוטע אי שלעכטע, פון אונזער ארבייטער-באוועגונג. אמת, זיי האבען מיט זיי ניט געקענט ריידען, ווייל דא זיינען געווען גענוג הינד — זשאנדארמען און פאליציייסקע, נאר זיי האבען אלץ געזעהן ארום זיך; זיי האבען גיזעהן מיט וואס פאר א ליבליכע בליקען האבען געקוקט אויף זיי זייערע ביז א צייט פרייע ברידער, וועלכע פלעכטען ווייטער די פעדעם, וועלכע זיי האבען געמוזט לאזען אין מיטען.

די סילנע[63] האט מען איבערגעפירט פון באן אין פערעסילנע טורמע, און א הין האט זיך איינגעגעבען איניגע פון זייערע פריינד צוצוקומען צו זיי. נאר [מיט] זיי האבען די סילנע אויך ניט גערעדט, זיי האבען מער ניט צוגעהערט וואס מען האט זיי דערציילט, און א'בערנעלאפען מיט די אויגען פון איין פריינד אויף דעם אנדערען. פון טורמע האט מען זיי ווייטער געראפט אפפירען צום באן. ניט ווייט פון טורמע האבען זיך צונויפגעקליבען ביז 100 מאַן גוטע פריינד, און האבען זיי געוואַרט. פאליצע האט דאס ניט פארגעזעהן און דעריבער איז זי ניט געווען דערצו גיגרייט. אַז די ארעסטירטע האבען זיך ערנענטערט צו דעם ארט, ווו ס'זיינען געשטאנען זייערע פריינד, האבען די לעצטע אראבגענומען די היט, און א מעכטיגער, און ערנסטער געשריי „אורא! עס זאל לעבען די פארשיקטע!" האט זיך ארויסגעריסען פון איינינע צעהנדליג ליבענדע ברוסטער. די געפאנגענע האבען אויך ניט געוואַרט אזא סמעלאסט[64] פון זייערע פריינד, און פון פרייד האבען זיך ביי זיי גענומען גיסען טרערען פון די אויגען. פון פאָליציי איז דא געווען ניט מער ווי איין גאראדאוואי, וועלכער האט זיך גענומען ווארפען אהין און אהער, נאר דאס איז געווען אומזיסט. קיינער האט אים ניט ניהערט און דער געשריי „אורא" האט זיך פארנאנדער-נעגעבען נאך איינינע מאל.

אין איינינע וויארסט פון ווילנע האבען ווידער געוואַרט אויף דעם פּאָיעזד, ווו ס'זיינען גיזעססען די סילנע ביז 50 מאַן. אז דער פּאָיעזד איז פארבייגעגאנגען פאר ביי דעם ארט, האבען זיך די סילנע ארויסגערוקט פון די פענסטער, און די ווארטענדע האבען זיי ווידער בעגלייט מיט דעם געשריי „אורא! עס לעבע די סאציאל-דעמאקראטיע!"

די בעגלייטונג האט געמאכט אויף די געפאנגענע א זעלטענעם איינדרוק; זיי האבען דערנאך געשריבען, אז די גאנצע וועג האבען זיי געוויינט ווי קליינע קינדער, די הערצליכע בעגלייטונג, האבען זיי געשריבען, וועלען זיי ניט פערגעסען זייער גאנצען לעבען, און די ערינערונג אן דעם וועט זיי געבען כוח איבערצוטראגען די פארשטייהענדע, פינסטערע, ווי פאר בלינדע, יארען אין די [ז' 8:] קאלטע סיביר. ניט ווייניגער האט דאס געווירקט אויף די בעגלייטער. ביי אפולע האט זיך געוויזען דער געדאנקען, אז ס'איז כדאי צו גיין אין סיביר, נאר צו פארדינען אזא בעגלייטונג פון אזא מיינגע מענשען.

[ז' 9:] ווארשאווע.—זונטאג דעם 13טען יולי איז אין ווארשע געווארען א טומעל, אז די ארבייטער כמעט פון אלע אידישע פעקארניעס[65] האבען זיך ענטזאגט צו ארבייטען און נאך אין דעם זעלבען טאג האט מען אנגיהייבען צו פיהלען, אז עס פעלט אויס אין שטאדט געבעק. די סטאצעצניקעס, וועלכע האבען געפאדערט א קלענערען ארבעטס-טאג, מער אלס 200 מאַן, האבען זיך דינסטאג צונויפגעקליבען הינטערן שטאדט אויף א סאבראניע.[66] נאר אין גיכן איז אנגעקומען אהין דער ווארשעווער גובערנאטאר אליין מיט פיל פאליצייסקע. דער גובערנאטאר האט זיך צו זיי

---

62 צוג.

63 געמיינט ссыльные — פאַרשיקטע.

64 דרייסטקייט.

65 בעקערייען.

66 פאַרזאַמלונג.

געזעענדט מיט א רעדע, ווו ער האט זיי ערקלערט וואס פאר א שטראפען עס קומט זיי פאר א סטאצקע, און האט געפאדערט, אז די ארבייטער זאלען זיך פארנאנדערגיין צו דער ארבעט. עס פערשטייט זיך, אז די סאבראניע איז געוועזען צושטערט; די ארבייטער האבען נאר געפא־דערט ביי דעם גובערנאטאר, אז אויף דער ארבעט אין דער פעקארניע זאלען אכטונג געבען די פאבריצנע אינספעקטארען. דעם זעלבען טאג זיינען צוגעשטאנען צו די סטאצעצניקעס אויך פילע פון די קריסטליכע בעקער, און דאנערשטאג איז אין רעכטען מיטען שטאדט, אויף מאקאטאווער פלאץ, געוועזען א גרויסע סאבראניע. די פאליצע האט ווידער די סאבראניע פארנאנדערגעטריבען און איינינגע פון די ארבעטער ארעסטירט. דאס האט אויף די ארבעטער שלעכט געווירקט, און חאטיא די ארעסטירטע האט מען ארויסגעלאזען, נאר די גרעסטע העלפט סטאצעצניקעס זיינען שוין אוועק צו דער ארבייט.

[ז' 10:] אין דער זעלבער צייט איז אין ווארשע געווען א סטאצקע פון 400 סטאליארעס, וועלכע ארבייטען אויף די פאסטראיקעס.[67] פאליצע האט זיך דא אויך געפרווט אריינמישען, נאר די פאדריאציקעס האבען ניט גיקענט דערלאזען, אז די סטאצקע זאל זיך פערציהען און האבען נאכגעגעבען די ארבייטער און איינגעפיהרט אומעטום א 12 שעהיגען ארבעטס־טאג.

איצטער קומט דארטען פאר א סטאצקע פון 500 שטעפער. פאדראבנע[68] וועגן דער סטאצקע וועלין מיר דערציילען אין פאלגענדעם בלעטל. — פאר דער צייט האט מען ארעסטירט אין ווארשע 2 ארבייטער.

ווי ט ע ב ס ק. ווי עס איז בעוווסט האט די גרויסע סטאצקע פון בערשטער אין וואלקא־ווישעק געמאכט א גרויסן איינדרוק אויף די ארבעטער פון די אלע ארומיגע שטעדט און שטעדטלעך. די געדאנקען פון די ארבעטער האבען בעקומען אן אנדער ריכטונג. זיי האבען זיך אנגיהייבען צו פערקלערען וועגן זייער לאגע און זוכען מיטלען ווי אזוי [זי] צו פארבעסערן. אין וויטעבסק האבען די בערשטער געטאן 16—17 שעה אין מעת לעת, דער בעל־הבית פלעגט שטיין איבערן קארק און טרייבען אין דער ארבעט אן א שיעור, דער געצאלט איז אויך געווען א קנאפער. מיט א פאר וואכען צוריק האבען 40 ארבעטער אין איין מאסטערסקאיע געמאכט א סטאצקע: זיי האבען געפאדערט א קלענערן ארבעטס־טאג. א טאג 10 האט די סטאצקע געדויערט. די ארבעטער האבען זיך געהאלטען גוט און די בעלי־בתים האבען זיך געמוזט אונטערגעבען. איצטער ארבייטען די בערשטער אין וויטעבסק 13 שעה און אנדערהאלבן שעה ניט מען זיי אויף עסען.

---

אין פארינגען נומער „ארבייטער בלעטל" האבען מיר בענאכריכט וועגען די סטאצקע פון די וואשעווניקעס. ווי מיר האבען געזאגט, האבען זיי די סטאצקע געוואונען, ד. ה. ארבייטען וועלען זיי פון 7 פרי מארגען ביז 7 פון אווענד, און 2 שעה האבען אין דער צייט אויף מיטאג.

אין ווילנע זיינען ארעסטירט געווארען 8 שוסטער—אונטער זיי 7 קריסטען און איין איד. זיי בעשולדיגען זיך [ווערן באשולדיקט] אין פאלגענדעם: 1—אז זיי האבען פארנאנדערגעקלעפט פראקלאמאציעס צום 1טען מאי, 2—זיי האבען פארנאנדערגעווארפען פראקלאמאציעס אין די גאסען, פאבריקען, זאוואדען און אנדערע געווערקשאפטען; 3—האבען ארגאניזירט [ז' 11:] א געשלעג צווישען שוסטער און גארבארעס; 4—זיי האבען געהרגעט א געוויסען שפיאן ראפאלקען (א פאליאק) און 5—געהערען צו א טעראריסטישער פארטיי. די געשלעג, וועלכע דערמאנט זיך שוין אין 3[טן] פונקט, איז בעשטאנען אין פאלגענדעם: ביי האלדשטיין אין גארבארניע האט מען געפונען פראקלאמאציעס. דער פאבריקאנט האט געהייסען זיינע ארבעטער, אז זיי זאלען אנשלאגען די שוסטער, וועלכע נאך זיין מיינונג נאך האבען דא די פראקלאמאציעס צוווארפען. די ארבייטער האבען דאס געטאן. נאר די שוסטער זיינען אויך קיין בעלי חובים ניט געבליבען; זיי האבען זיך צונויפגעקליבען אין א גרעסערער צאל און האבען גוט אנגעבראכען די ביינער די

---

67 בוי פון הייזער.

68 אויספירלעך.

גארבארניקעס. נאך דעם איז א שלום געווארען צווישען די שוסטער און גארבער. נאך דאך זיינען ארעסטירט געווארען 8 שוסטער.

מיר האבען בעקומען ווידער א נאכריכט, אז אין ווילנע זיינען געווען נאך ארעסטען—מען האט ארעסטירט א אינטעליגענט און א דאמסקען שניידער.

מערקווירדיג איז דער פאלגענדער צופאל. דער ווילנער זשאנדארמסקע וואסילעוו וויל מיט אלע קרעפטען דערשטיקען די ארבעטער-באוועגונג אין ווילנע. אום צו ערררייכען דאס, טוט ער אפט אפ אזעלכע זאכען, אויף וועלכע ער האט קיין רעכט ניט, דהיינו, ווען עס טרעפט זיך א סטאצקע רופט ער צו זיך די ארבעטער און הייסט זיי זיך שטעלען טאן; און אז די לעצטע ווילען ניט, שיקט ער זיי ארויס פון ווילנא. פיר אזא סאמאפראוסטווע[69] האלט איהם נאטצאלסטווע ניט דאנקען, נאר זעלטען, רעכענט ער, וועט דער ארבייטער זיך גיין קלאגען אויף אים. נאר ער האט געהאט א טעות. ניט לאנג האט ער ארויסגעשיקט פון ווילנע א קאמאשענ-שטעפער; דער לעצטער איז אויף מארגען צוריק געקומען נאך ווילנא, און א חוץ דעם האט ער אנגעגעבען א פראשעניע[70] אין דעפארטאמענט פאליציע אויף וואסיליעוו. — ס'וואלט ניט שאטען, ווען יעדער ארבייטער וואלט ניט דורכגעלאזען יעדער מאל, ווען די זשאנדארמען און פאליצע בעגייען זיך מיט זיי א סך אומפערשעמטער, ווי מיט אינטעליגענטען; דאס וואלט זיי אנלערנען צו בעגיין זיך מיט ארבייטער, ווי מיט מענשען.

## [ז' 13:] נעקראלאג.

**ליעוו מארקאוויטש זאק.** — מאנטאג דעם 14 יולי 5 אזייגער פארטאג איז געשטארבען אין מינסק ליעוו מארקאוויטש זאק. דאס איז געווען א מענטש, וועלכער האט זיין לעבען געאפפערט דעם קאמף פאר פרייהייט, און זיין נאמען איז ווערט ער זאל זיין בעקאנט יעדען וועמען דער קאמף איז טייער און נאענט. אין 1877 יאר האט מען אים, א 18 יאריגען יונגען מאן, ארעסטירט אין פעטערבורג פאר פראפאגאנדע צווישען ארבייטער. צוויי יאר איז ער געזעסען אין דער שרעקליכער פעטראפאוולאסקער קרעפאסט, און נאכדעם האט מען אים פערשיקט אויף 6 יאר אין סיביר, אין יעניסייסקער אבלאסט. קומענדיג פון סיביר איז ער צוויי יאר געווען פריי און אין מאנאט מארט פון 1887 האט מען [אים] ווידער ארעסטירט אין מינסק פאר זיין רעוואלוציאנע דעיאטעלנאסט[71] אין ווארשע. איין יאר איז ער געזעסען אין ווארשעווער ציטאדעל (טורמע), און נאכהער האט מען [אים] פערשיקט אויף 5 יאר אין סיביר, אין קאלימסק. אז עס האט זיך געקאנטשעט[72] די 5 יאר, האט מען אים צוגעגעבען נאך צוויי יאר צו זיין פערשיקט, און ערסט מיט צוויי יאר צוריק איז ער געקומען פון סיביר. אלט איז ער געווען ניט קיין גאנצע 39 יאר. א קורצער לעבען, נאר וואס פאר א לעבען! פון יוגענד אן, זינד ער האט אנגע-הייבען די וועלט אין רוסלאנד צו פערשטיין — געליטען פאר דעם פערקנעכטעטען פאלק, געשטריטען פאר פרייהייט. 16 יאר, די בעסטע יארען, דעם גאנצען לעבען פערבראכט אין טורמע, אין סיביר, מערדעריש פערפאלגט פון פראוויטעלסטווא, נאר דערפאר ווייל ער האט געהאט די העזה צו וועלין ליכטיגקייט צו טראגען אין דעם פינסטערן לעבען פון דעם רוסישען פאלק. אזעלכע מענשען דארפען שטארקען דעם מוט ביי די, וועלכע לאזען די הענט אראב ביי דעם ערשטען קלאפ פון דעם רוסישען קנוט, — און זייער אנדיינקונג דארף אייביג לעבען אין די הערצער פון די שטרייטענדע, צו פרייהייט שטרעבענדע ברידער.[73]

---

69 אייגנמעכטש.

70 בקשה, דא געמיינט אן אנקלאג.

71 טעטיקייט.

72 געענדיקט.

73 ליעוו זאק — א באקאנטער רעוואלוציאנער פון די „נאראדניקעס". דער אגוטמ, אז אין 1877, צום מאמענט פון זיין ערשטן ארעסט, איז ער אלט געווען 18 יאר, מוז זיין א טעות: זאק איז געבוירן געווארן

# ארבייטער בלעטל נומער 9, אווגוסט 1897

[ז׳ 11:] אין ווילנא קומט איצט פאר א סטאצקע פון גארבער, אין וועלכע עס נעמען א אנטייל ביז 70 מענשען. פאבריקאנטען קאנען די סטאצקע וועלען מיר נאך שרייבען. פאר דער לעצטער צייט זיינען דארטען ארעסטירט געווארען 3 בעקער, 5 גארבער, 3 שוסטער, 2 שרעדער (פאריקמאכערס), 10 קוימינקערער, צוזאמען זיצען איצטער אין ווילנע ארבייטער און אינטעליגענטען מער אלס 60 מאן. פאר דער זעלבער צייט זיינען דארט גיוועזן פארנאנדערגעשפרייט פראקלאמאציעס אויף רוסיש און [ז׳ 12:] פויליש צווישען גארבער, מוליארעס און בעקער.

צום ארויסגיין „דער ארבייטער שטיממע“[74]
(מיטן מאטיוו „איך הער דיר דיין שטימע“)

דיא ארבייטער שטיממע זיא קלינגט מיר אין הארצען,
דיא שטיממע, דיא קראנקע פון קבר, פון דר׳ ערד,
וואס ווערגט זיך פון טרערען, וואס קרעכצעט,
וואס ציטערט פון הענקער פון בלוטיגען שווערד.
זיא זינגט עפעס ביטער א טרויעריג לידעל,
אח, עפעס דערציילט זיא א מעשה פון קנעכט,
אח, עפעס דערקלערט זיא מיין טוהענדעם [?] אידעל
פון בעססערע וועלטען, פון מענשען מיט רעכט.
נאר שטארקער, דוא שטיממע, ערהויב דיינע טענער
פארקלינג אין מדינה, די בשורה זאג אן
דיא ליידענדע ברידער, דיא פרויען, דיא מענער,
דערצייל זייא און וויז זייא וואס זייא האבען צו טהאן,
דערצייל זייא, אז אומעטום קלינגען שוין גלעקער,
וואס רופען ארויס איהם אין וועלטליכער קריעג,
און צייג איהם ווי לאנג אויף איהםווארטען דיא וועקער,
דערצייל וויא ניט ווייט איז זיין קאמפף און זיין זיעג.
„א פריינד“.

---

(אין ביכאָוו, מאָהילעווער גוב׳) לערך אין 1852; בכל אופן איז באַקאַנט, אַז נאָך פאַר זײַן אַרעסט אין 1877 האָט ער אַ יאָר דרײַ געהאַט שטודירט אין דער בערלינער טעכנישער הויכשול און נאָך זײַן אומקער קיין רוסלאַנד געפירט אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע; זע וועגן אים: ביאָ־ביבליאָגראַפישן לעקסיקאָן פון די רוס׳ רעוו׳ טוער (רוס׳, פאַרלאַג „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס“) ב׳ 2 (70ער יאָרן), העפט 2, ז׳ 438. ל. זאַק האָט זײַענדיק אין מינסק זיך באַטייליקט אין דער איבערזעצונג פון מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל“, וואָס זשעניע הורוויטש האָט אונטערגענומען (ערשטן באַנד): אים געהערן דאָרט די קאַפּ׳ 1 און 4, די איבעריקע האָט איבערגעזעצט זשעניע הורוויטש (זע אירע זכרונות אין זש׳ „Летописи марксизма“ (מאָסקווע, 1926, נר׳ 1, ז׳ 91—93). די איבערזעצונג איז אַרויס אין 1899 אין פאַרל׳ פּאָפּאָוו, אונטער דער רעד׳ פון פּיאָטער סטרוווע, שוין נאָכן טויט פון ל. זאַקן און בעת זשעניע הורוויטש איז געזעסן אין מאָסקווער טורמע.

74 „אַרבעטערשטימע“, וואָס איז שפּעטער, פון נומער 7, געוואָרן דער צענטראַלער אָרגאַן פון „בונד“; נומ׳ 1 איז אַרויס אין ווילנע אין אויגוסט 1897.—

רעדאַקציע

# פראָקלאַמאַציעס אין יידיש ערבֿ דעם „בונד"

די ערשטע אומלעגאַלע פּראָקלאַמאַציע אין יידיש, אַ מאַי־אויפֿרוף, האָט זיך באַוויזן אין וואַרשע אין 1892 אָדער 1893; זי איז געווען העקטאָגראַפֿירט און האָט געהאַט אַ קליינע פֿאַר־שפּרייטונג.[1] די צווייטע פּראָקלאַמאַציע, ווי ס'איז ערשט איצט באַקאַנט געוואָרן, איז אַ יידישער מאַי־אויפֿרוף, וואָס די פּפּ״ס האָט אַרויסגעלאָזט אין 1895, געדרוקט אין אויסלאַנד און פֿאַרשפּרייט אין וואַרשע.[2] וואַרשע איז אויך דאָס אָרט, ווו ס'האָבן דערשיינט די פּראָקלאַמאַציעס אין 1896. זיי זיינען אַרויסגעלאָזט געוואָרן פֿון דעם „יידישן אַרבעטער־פֿאַראיין", וואָס האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט אין וואַרשע, בראש מיט יצחק פּסחזאָן, און האָט זיך אָנהייב 1897 צונויפֿגענאָסן מיט דער גרופּע, וועלכע איז געווען די פֿאָרגייערן פֿון „בונד" אין וואַרשע.

אַזעלכע פּראָקלאַמאַציעס פֿון דעם דערמאָנטן פֿאַראיין זיינען געווען עטלעכע; זיי זיינען געווען העקטאָגראַפֿירטע און האָבן געטראָגן אַ ריין עקאָנאָמישן און מער לאָקאַלן כאַראַקטער, הגם איינער, אַן אַלגעמיינער לויט איר אינהאַלט און פֿון אַ סך אַ גרעסערן ליטעראַרישן ווערט— „צו די יידישע אַרבעטער אין וואַרשע". איר מחבר איז געווען י צ ח ק פּ ס ח ז אָ ן. זי האָט דערשיינט תּשרי תּרנ״ז, צו די ימים־נוראים 1896; די יידישע טראַדיציע פֿון תּשובֿה פֿאַר די זינד אין די טעג פֿון ראש־השנה און יום־כּיפּור איז טאַקע די טעמע פֿון דעם אויפֿרוף און ווערט דאָ אויסגענוצט פֿאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע: „אויף דער גאַנצער וועלט איז ניט דאָ איין אומה ולשון... וואָס זאָל האָבן איבער וואָס אַזוי פֿיל צו וויינען, ווי מיר יידן. נאָר ניט אַלע יידן", ווערט אין דעם אויפֿרוף געזאָגט. „אָבער, ברידער און שוועסטער... ניט מיט וויינען, ניט מיט תּחינות וועט איר פֿאַרבעסערן אייער לעבן". אין אַזאַ פֿאָלקסטימלעכער שפּראַך איז געשריבן דער גאַנצער אויפֿרוף—אין זייער אַ גוטן יידיש, אַ סך אַ בעסערן ווי די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבעס פֿון יענער צייט און אַפֿילו שפּעטער. דער דאָזיקער העקטאָגראַפֿירטער אויפֿרוף איז באַלד איבערגעדרוקט געוואָרן אין דעם „אידישען אַרבייטער" (אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד פֿון דער „גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד") און פֿון דאָרטן נעמען מיר אים אַרויס.[3]

דער צווייטער אויפֿרוף, וואָס מיר ברענגען דאָ („דער וואַרשעווער מאַי־בלעטל פֿון 1897"), איז שוין געווען אַ ג ע ד ר ו ק ט ע ר און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿונעם „יידישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן", דאָס מיינט פֿון יענער גרופּע טוער. וואָס זיינען געקומען פֿון ווילנע אויף אַרבעט קיין

---

1 אויספֿירלעכער וועגן דעם זע דעם אַריינפֿיר־אַרטיקל צו די בראָשורן, אויבן.

2 דער דאָזיקער אויפֿרוף איז איבערגעדרוקט אויבן אין אונדזער באַנד; זע אַרט' פֿון פּ. ש ו וואַ ר ץ, די ערשטע יידישע אויסגאַבעס פֿון דער פּפּ״ס.

3 „אידישע אַרבעטער", נ' 2—3 (פֿעברואַר 1897; געדר' אין לאָנדאָן), קאָרעספּאָנדענץ פֿון וואַרשע, פֿון דעצעמבער 1896, ז' 20—24. אונטערן אויפֿרוף שטייט: תּשרי תּרנ״ו, וואָס איז זיכער אַ דרוקפֿעלער, דאַרף זיין: תּרנ״ז; דער אויפֿרוף האָט דערשיינט ימים־נוראים 1896, ווי ס'איז קלאָר פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ, און תּשרי תּרנ״ו מיינט שפּעטזומער 1895. וועגן די אויפֿרופֿן פֿונעם וואַרשעווער פֿאַראיין זע אויך „אידישער אַרבייטער" נ' 10 (1900): אַ ן אַ ל ט ע ר ב אַ ק אַ נ ט ע ר [פּסחזאָן], דער אָנפֿאַנג פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין וואַרשע (זכרונות פֿון אַ יידישן סאָציאַליסט) ז, 31; פֿ״גל אויך די זכרונות פֿון דעם זעלביקן מחבר אינעם ז״ב „25 יאָם" (וואַרשע 1922).

ווארשע ..רן איז שפּעטער געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פונעם „בונד“.[4] בראָש פון דער ווארשעווער גרופּע איז געשטאַנען דזשאָן מילל, און ער איז טאַקע דער מחבר פון דעם בלעטל. די ווילנער צענטראַלע „גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן“ האָט נאָך צו יענער צייט ניט געהאַט אַרויסגעלאָזט קיין אייגענע אויפרופן, און דאָס ווארשעווער בלעטל האָט אויך באַדינט ווילנע. געדרוקט איז עס געווען אין לאָנדאָן, טאַקע דורך דער פאַרמיטלונג פון דער ווילנער גרופּע, און איז אויך איבערגעדרוקט אין „יידישן אַרבעטער“.[5]

דער דריטער אויפרוף, פון סעפּטעמבער 1897, איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון דער ווילנער צענטראַלער „גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן“ און ווערט דאָ איבערגעדרוקט צום ערשטן מאָל. דזשאָן מילל שרייבט אונדז וועגן דעם דאָזיקן אויפרוף: „ער איז געווען פאַרפאַסט אין ווילנע קאָלעקטיוו, הויפּטזאַכלעך פון אַרקאַדי (קרעמער) און מוטניקן און אפשר אויך פון קאָסאָווסקין. ער איז געווען אָנגעשריבן אין רוסיש, נאָך אין פרילינג 1897, און איז אָפּגעשיקט געוואָרן צו קאָפּעלזאָנען („טימאָפעי“), וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין ציריך, איז דאָרטן איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש, אָפּגעדרוקט אין פּרעסבורג[6] און איז אַרויס ערשט אין סעפּטעמבער. איינע פון די סיבות, צוליב וועלכע מ׳האָט דעם אויפרוף אַרויסגעלאָזט, איז געווען די המצאה, אויף וועלכער די פּפּ״ס איז געפאַלן: זי האָט דעמאָלט דרייסט פון אונדזערע בראָשורן, וועלכע זיינען צוליב קאָנספּיראַטיווע מאָטיוון אַרויס מיט לעגאַלע פאָדערבלעטלעך, איבערגעדרוקט אונטער איר אייגענער פירמע, ווי די אויסגאַבעס פון פּפּ״ס, און האָט עס אַזוי ווערטלעך איבערגעדרוקט, אַז עס זיינען אפילו פאַרבליבן אַלע רוסיציזמען, און דערמיט אַרויסגערופן אַ שרעקלעכן כעס ביי די יידישע פּפּ״סאָווצעס אין ווארשע“. דאָס דערקלערט טאַקע דעם ציל פון דעם אויפרוף: „בעקאַנט מאַכען דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט פון אַנדערע לענדער — ווי אין טעקסט ווערט געזאָגט — מיט דיא ריכטונג דער טהעטיקייט פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד“ און אַ בקשה צו אַלע רעדאַקציעס פון די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונגען און גרופּעס אין אויסלאַנד צו פאַרשפּרייטן די בראָשורן פון דער גרופּע „יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד“ און איר אָרגאַן — דעם „יידישן אַרבעטער“. דאָס איז בכן אַן אויפרוף, וואָס איז ניט געווען באַשטימט ספּעציעל פאַר רוסלאַנד. מיר דרוקן דאָ דעם דאָזיקן אויפרוף פון אַן עקזעמפּלאַר, וואָס געפינט זיך אין אַרכיוו פון „בונד“ אין פּאַריז, און גיבן אויך אַ פאָטאָגראַפיע פון אים.

## I. צו די אידישע אַרבייטער אין ווארשא.

גליקליך פיהלט זיך א איד, אז עס מאכט זיך איהם א צופאל צו וויינען, מיט ביידע הענד חאפּט זיך אן א איד אן סליחות, אן א תענית ציבור, א ימים נוראים. גליקליך פיהלט זיך א איד, אז עס ברעכט פונאנדער זיין קוואל טרעהרען און ער וויינט, וויינט...

---

4 דער „יידישער אַרבעטער־בונד אין פּוילן“ איז געגרינדעט געוואָרן אָנהייב 1897 און מיט אים האָט זיך צונויפגעגאָסן דער דערמאָנטער ווארשעווער „אַרבעטער־פאַראיין“. מען טאָרף אים ניט צונויפמישן מיטן „בונד“, וואָס האָט פאַראייניקט אַלע יידישע ס״ד־גרופּעס אין ליטע און פּוילן און איז, ווי באַקאַנט, געגרינדעט געוואָרן ערשט אין סעפּטעמבער 1897.

5 „אידישער אַרבייטער“, נו׳ 4—5 (נאָוועמבער 1897; געדר׳ אין פּרעסבורג), ז׳ 20—21. זע וועגן דעם אין די זכרונות פון דזשאָן מילל אין אונדזער באַנד, קאַפּ׳ וועגן ווארשע.

6 אין פּרעסבורג (דעמאָלט אין אונגערן) האָט זיך אויך געדרוקט, ווי מיר ווייסן, דער נו׳ 4—5 פון „אידישען אַרבייטער“. צום סוף פון אויפרוף איז אָנגעגעבן Impimerie Russe, Genève! — דאָס איז געווען דער אַדרעס פון דער דרוקעריי, וווּ ס׳האָבן זיך געדרוקט די אויסגאַבעס פון דער רוס׳ ס״ד „גרופּאַ אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ“ און וואָס איר פאַרוואַלטער איז געווען בלומענפעלד; דער אויפרוף גופא האָט זיך געדרוקט בכן ניט דאָ.

און אויף וואס צו וויינען האָט א איד פיעל, זעהר פיעל. ווען ראש השנה און יום כפור וואָלטען געדויערט הדשים-לאַנג, וואלט זיך ביי אידען אויך ניט געקאָנטפעט[1] די טרעהרען. עס איז קיין ספק ניט, אז אויף דער גאַנצער וועלט איז ניט דא איין אומה ולשון וואס האט אזוי פיעל געוויינט און וואס זאָל האבען איבער וואס אזוי פיעל צו וויינען, ווי מיר אידען. נאר נישט אַלַלע אידען. ניט וואָוועלבערג, ניט פּאָזניאנסקי, ניט פאָליאַקעוויטש און ניט פיינקינד[2] וויינען אום ראש השנה און יום כפור. ניט זיי בעטען ביי גאָט א גוט יאָהר. זיי האבען א באזונדערען גאָט: זייערע געלט, זייער קאפיטאל איז זייער גאָט; צו איהם בוקען זיי זיך, צו איהם ברייגגען זיי קרבנות פון אונזער בלוט און מאַרך און ער שיצט זיי פון אלדעס בייז. זיי בעטען ניט ראש השנה און יום כפור א גוט יאָהר און זיי דארפען ניט בעטען, וואדום קוים האָבען זיי געלט, זיינען זיי שוין מיט אלדעס גוטס פערזיכערט. די טיראנישע רוסישע מלוכה מעג אַרויסגעבען דיא גרויזאַמסטע געזעטצען געגען אידען, זיינען די לייט מיט זייערע געלט פון אלץ געוואָרענט. אידען טאָהרען ניט וואהנען אין רוסלאַנד, — דיא וואָוועלבערגען, פּאָזניאנסקי׳ס מעגען, וואו זיי ווילען. א איד קאָרטשעט זיך אין דרייען און ציטערט, ווי א בלאט פאר יעדער טשינאָווניקעל און מעשענע קנעפעל, פאר וואָוועלבערגען און פאזניאנסקי׳ן, אָבער, שטעהען די גרעסטע טשינאָווניקעס אָן א היטעל. וואָוועלבערג, פּאָזניאנסקי, פּאָליאַקעוויטש, פיינקינד — דאס זיינען אלץ אידען, אבער אין גלות זיינען אנדערע בייא זיי. דיא גאַנצע רוסישע מלוכה מיט איהר גרויסע ארמעע חיל איז יעדער מינוט געגרייט זיך אַנצונעמען פאר זייערן א גראשן. נייז, נישט זיי וויינען, נישט זיי האבען וואס צו וויינען און ניט זיי הערען זיך צו צום געוויין פון אנדערע. וויינען וויינט דאָס פעראָרעמטע, אויסגעמאטערטע אידישע פאָלק; וויינען וויינט דער שטענדיגער צרוֹת-ליידער, דער אויסגעהונגערטער און פאר׳חושכ׳טער אידישער ארבייטער; עס וויינען אלטינקע אידישע ארבייטער, וועלכע האָבען געלאזען זייער געזונד אויף דיא פאבריקען, און איצטער, אויף דער עלטער, האבען זיי ניט וואר א קאָפ אוועקצולייגען. עס וויינען טאַטעס, מאַמעס, פרויען, מענער, קינדער, וועלכע דער הונגער, נויטה און דחקות האבען צו שיידט; עס וויינען אזעלכע אידען, פאר וועלכע דיא רדיפות פון דער טיראנישען רוסישען מלוכה מאכען איינג די וועלט. און די אלע האבען וואָס צו וויינען, ווייל זיי זיינען אידען און, דער עיקר, ווייל זיי זיינען ארבייטער. וויא טיראניש די רוסישע מלוכה בענעהמט זיך ניט מיט איהרע „אייגענע קינדער“, איז דאך דאס גאר קיין אנהייב ניט אנטקעגען איהרע רדיפות אויף אידען. דא טאָהרסט דו ניט וואָהנען, דא טאהרסט דו ניט שטעהן, דערמיט טאהרסט דו ניט האנדלען און מיט יענץ טאהרסט דו זיך ניט באשעפטיגען. זי האט אונז אללעמען צוזאמען געפרעסט אין איין ווינקעל — און ווער דאָרט, שונאי ישראל, חאָטשי דערשטיקט. וויא טיראניש זי באנעהט זיך ניט מיט איהרע אלע אונטערטעהנער, איז דאס גאר נישט אנטקעגען די אונטערדריקונגען, וועלכע זי ווייזט ארויס אנטקעגן אונז ארבייטער. אויף אונזערע מיט בלוט פערהאָרעוועטע געלט האלט זי אויס ארמעען סאלדאטען און טשינאווניקעס און שיקט זיי ארויס געגען אונז מיט געוועהר, ווען מיר ווילען זיך עפעס פערבעסערען אונזער לעבען — ווען מיר מאַכען א סטאַטשקע.[3] לויט די זאקאנעס[4] פון דער רוסישער מלוכה דארפען מיר ליידען, ארויס געצויגען ווערען פון דיא קאטארזשנע ארבייט אין דיא פאבריקען, הארעוועו טאג און נאכט און באקומען דערפאר א הונגער-לוין — און אלץ שווייגען, א קאָפ ניט הייבען. קלייבען מיר זיך צוזאממען מיישב צו זיין זיך ווי צו פערבעסערען אונזער לעבען, טרייבט מען אונז פונאנדער און די אנפיהרער זעצט מען אין די טורמעס; זאגט עמיצער א-נ-אמת ווארט פאר אונז, שרייבט עמיצער א ביכעל, אין וועלכען ער ערקלערט אונז אונזערע אינטערעסען — האלט אויף דערויף אונזער מלוכה א גאנצע באנדע שפיאָנעס און זשאַנדארמען, און דעם מענשען וועט מען שוין פערמוטשענען אין טורמע אָדער סיביר... אָט ווער עס וויינט: עס וויינען אידישע

---

[1] געענדיקט, אויסגעגומען.

[2] באַקאַנטע גרויסע יִדישע פאַבריקאַנטן און באַנקירן אין פּוילן.

[3] שטרײַק. [4] געזעצן.

ארבייטער, עס ווײנען דיא מענשען, מיט וועלכע די קאפיטאליסטען און מלוכה בעגעהען זיך וויא מיט פערד; די, וועלכע האבען אין זייער גאנצען לעבען א פרעהליכע מינוט ניט געהאט; די, וועלכע לעבען אפּ זייערע עטליכע יאהר בא־טאג אין די פאבריקען און בא־נאכט אין די פינסטערע, נאסע קעלערס; די, וועלכע הארעווען וויא די אייזלען און שטארבען פון הונגער; די, וועלכע בעשאפען פאר אלעמען אלע וואהלטאָג און לעבען אליין אין נויטה און דחקות—אט, ווער עס ווײנט !...

אָבער, ברידער און שוועסטער, איהר דארפט וויסען זיין, אז ניט מיט ווײנען, ניט מיט תחינות וועט איהר פערבעסערען אייער לעבען: דער גרויסער אלמעכטיגער בורזשואזער גאט, דער אלוועלטליכער זעלבסט־הערשער (סאמאדערזשעק) איז צו גרויזאם אויס צו הערען אונזער געבעט. דאס איז דער גאט פון דיא רייכע, ניט אונזערער. ניט אין די טרעהרען, ברידער און שוועסטער, איז אונזער הילף! אונזער ישועה איז שטרייט, אונזער גאט איז אחדות. מיט שטרייט וועלען מיר פערבעסערען אונזער לעבען; דורך א שטרייט אנטקעגען דיא קאפיטאליסטען און מלוכה וועלען מיר נעמען וואס אונז קומט. לאמיר זיך געבען, ברידער און שוועסטער, דיא הענד און אין איין קול אויסשרייען:

עס לעבע די אחדות צווישען די ארבייטער!

עס לעבע די שטרייט פון די ארבייטער געגען זייערע אונטערדריקער — די קאפיטאליסטען און מלוכה!...

**דער אידישער ארבייטער פעראיין אין ווארשא**

ווארשאַ תשרי תרנ״ו [תרנ״ז][5]

## II. דער ווארשאווער מאי־בלעטיל פון 1897

### (ווארשאווער פראקלאמאציע צום 1טען מאַי 1897 יאהר)

ברודער ארבייטער! עס קומט אָן דער ערסטער מאי, עס קומט אָן דער ארבייטער יום טוב! עס קומט אָן דער טאג, ווען דיא ארבייטער פון אללע נאציאָנען ווארפען אוועק זייער ארבייט, גייען אוועק פון דיא פארשטיקטע פאבריקען און ווארשטאטען, גיבען צו וויסען אין דער גאנצע וועלט וועגען זייערע מענשענרעכטע, וועגען זייערע אייניגקייט, וועגען זייער פארטיגקייט צו שטרייטען געגען זייער פיינד—די קאפיטאליסטען און רעגירונג. אין אללע לענדער שטעלין זייא ארויס די פאדערונג פון 8 שטונדיקען ארבייטסטאג, אומיטום פאדערען זייא דיא פערברייטונג דער פאליטישען רעכטע. וויר ארבייטער לעבען אומיטום זייער שלעכט, דעם גאנצען לעבען אונזערען הארעווען וויר, האבען ניט קיין מינוט רוה, ווערען קאליקעס, חולים, הונגערן און שטארבען פאר דער צייט. פון אונזער הארעוואניע ווערן אללע [=אלץ] רייכער אונזערע בעלי־הבתים, דיא פאבריקאנטען. דיא, וועלכע גייען אום ליידיק, אויף וועלכע וויר הארעווען, דיא לעבען אין רייכטיקייט, אין ווײלטיק, דיא האָבען פלאצען [פאלאצן], די קליידען זיך גוט, די ווערען צופלאצט פון גרעב, דיא שיקען זייערע קינדער אין דיא שוהלען און אין דיא אוניווערסיטעטען, וועלכע וויר בויען אויף, דיא פיר׳ן מלחמות, אויף וועלכע וויר, ארבייטער, פערגיססען אונזער בלוט, דיא גיבען ארויס צוזאמען מיט דער רעגירונג דינים, וועלכע זיינען פאר זייא צונוץ און אונז צום שאדען. אומיטום האבען מיר, ארבייטער, נור פליכטען און קיינע רעכטע, אומיטום האבען דיא בעלי הבתים נור רעכטע און קיינע פפליכטען, דאס ארבייטערפאלק לעבט אומיטום זייער און זייער ניט גוט! נאר ערגער וויא אלעמען איז אונז ארבייטער אונטער דעם יאך פון רוססישען קייזער. דיא עקספלואטאציע פון ארבייטערפאלק איז בייא אונז די גאנצען ביז צום העכסטען גרעניק. מיר זיינען וויא שקלאפען בייא דיא קאפיטאליסטען, קיינע געזעצען האלטען ניט אָפּ דיא הערשאפט פון דיא קאפיטאליסטען איבער אונז און איוב עס זיינען דא וואס עס איז פאר א דינים, זיינען זייא אדער שעדליך פאר אונז אדער זיי בלייבען מער ניט

[5] זע אריינפיר, אויבן.

אויפען פאפיר! דער ארבייטסטאג איז ניט בעשטימט דורך א דין און מיר מוזען ארבייטען וויא פיעל דיא בעלי הבתים פערוועלט זיך און פאר וויא פיעל זייא פערוויללט זיך. צוא קורצער'ן ארבייטסטאג, צו העכערין שכורות [=שׂכירות] מוזען מיר זיך דערשלאגען, פאר אבעססער'ן לעבען מוזען מיר שטרייטען. אָבער צו קענען שטרייטען מיט אונזערע בעלי הבתים, דארפען מיר האבען רעכט זיך צוזאממען צו קלייבען, אום צו בעקלערן אונזערע אינטערעססען, צו ארגאניזירען זיך, צומאכען שטרייקקאססעס, צומאכען שטרייקען און פרייא צודרוקען. די רוססישע רעגירונג גיט אונז ניט דאס רעכט, זיא טרייבט אונז, זיא יאגט, זי פערפאלגט אונז, זיא זעצט אריין אונזערע בעסטע פארשטייער אין דיא געפיינגניססע דערפאר. דאס איז אבער וויינינג. דיא רוססישע רעגירונג בענוגענט זיך ניט מיט דעם, וואס זיא לאָסט אונז צו קיין פערבעססערונגען אין אונזער לעבען, זיא דריקט אונז ניט נור וויא ארבייטער, נור וויא אידען אויך. אונז רעכנעט מען ניט פאר מענשען, געגען אונז זיינען ארויסגעגעבען גאר באזונדערע דינים, יעדער פאליציאנט האט רעכט אונז צו פערפאלגען, האט רעכט איבער אונז צושפאטטען! צי וועלען מיר נאך לאנג ליידען? צי וועלען מיר נאך לאנג שווייגען? פרייוויליג וועלען אונזערע פיינד אונז ניט נאכגעבען, מיר מוזען אלעס נעמען מיט קאמפף און מיר האבען דיא קראפט. מיר, ארבייטער, זיינען מעכטיג, לאמיר נור געהען האנד ביייא האנד מיט דיא קריסטליכע ארבייטער. מיר האבען איינע פיינד, מיר האבען איין ציעל, מיט פעראייניגטע קרעפטען וועלען מיר זיך דערשלאגען פון די קאפיטאליסטען א בעססער'ן לעבען, פון דיא רעגירונג פאליטישע רעכטע. אין דיעזעס יאהר קומט אויס דער 1-טע מאי שבת. מיר, אידישע ארבייטער, וועלען ניט קענען ארויסווייזען אפשטעלענדיג דיא ארבייט, אז מיר זיינען איינינג מיט די ארבייטער פון אלע לענדער און אלע נאציאנען; שבת ארבייטען מיר זא וויא זא ניט, אבער דערפאר זאל יעדער פון אונז זעהען צוצוציהען אויף זיין זייט וואס מעהרער ארבייטער, זאָל יעדער פון אונז ווייזען אונזערע חברים און בעקאנטע ארבייטער, ווי וויט עס איז נייטהיג דיא איינינקייט צווישען דיא ארבייטער ניכט נור פון איין נאציאן, זאל יעדער פון (אונז) צוציהען וואס מעהר ארבייטער צום שטרייט מיט די בעלי הבתים פאר א בעססער'ן לעבען, צום שטרייט מיט דיא רעגירונג פאר פאליטישע פרייהייט אן וועלכען מיר קענען ניט בעדייטענד פערבעססער'ן אונזער לעבען.

עס לעבע דיא ארבייטערבעוועגונג אין אללע לענדער!

עס לעבע אונזער ארבייטער יום טוב דער 1-טער מאי!

**דער אידישע ארבייטערבונד אין פוילען**

ווארשאר 1897.

## III. א ו י פ ר ו ף!

דיא לאגע פון דעם אידישען ארבייטער אין רוססלאנד איז זייער טרויריג, דיא אידישע ארבייטער-מאססע געפינט זיך אונטער דעם יאָך פון דער פינסטערער רוססישער זעלבסט-הערשאפט פון איין זייט, אונד פון בעזאָנדערע קנעכטשאפטס-געזעטצע פון דער אנדער זייט.

דעם יודישען פראָלעטאריאט איז פערבאָטען צו וויינען אין גאנץ רוססלאנד; דאצוא איז איהם אנגעוויזען נור א קליינער טהייל פון רוססלאנד, וועלכער הייסט טשערטא אָסיעדלאָסטי (דאָס אידישע געטטאָ). זאָגאר אין דיעזע „טשערטא" איז דעם אידען ערלויבט צו וויינען נור אין דיא שטאָדט, פערבאָטען אבער צו וויינען אין די דאָרפער אונד גיטער. דאריבער איז דער אידישער פראָלעטאריאט אוננאטירליך צוזאממענגעפרעסט אין די שטאָט פון דער „טשערטא".

איינע זאָלכע צוזאממענפרעססונג פעראורזאכט צווישען דיא אידישע ארבייטער א אונער-הערליכע קאָנקורענץ, וועלכע גיבט זייא אב אין גאנצען אין דיא הענדע פון דער אידישער בורזשואזיע. אויב אין גאנץ רוססלאנד איז שווער צו געפינען אזוי דיכטבעפעלקערטע גרויסע שטאָט און שטאָדטלעך וויא אין די זאָגענאנטע „טשערטא", זאָ איז אויך אין גאנץ רוססלאנד

שווער צו געפינען זאָלכע קליינע שכירות (ארבייטסלאָהן) וויא אין הער זעלבער „טשערטאַ".

אזויא זיינען דיא פערהעלטניססע פון דעם אידישען פראָלעטאריאַטס לעבען; אָט דאס איז דער באָדען אויף וועלכען עס קאָמט אויס צו ארבייטען דער אידישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. דיעזער באָדען, וויא עס לאָזט זיך אויס, איז זייער גינסטיג פאַר דיא סאָציאַל-דעמאָקראַטישע טהעטיגקייט. דיא אידישע ארבייטער-מאססע הערט זיך גיערדיג צו, צו דיא רייד פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַגיטאַטאָרען, אונד מיט דיא הילפע פון דיא לעצטערע, פיהרט זיא א שווערען אונד אַ שטארקען קאמפף מיט דער אידישער בורזשואַזיע אונד קליינבירגער, אום אויס צו בעססערען איהר טרויריגע לאַגע.

אין דיעזען קאמפף בעגעגענט דער אידישער פראָלעטאריאַט אויף יעדען טריט פאָליטישע רעכטלאָזיגקייט: דעם פערבאָט פון פערזאמלונגען, פון ארבייטער-פרעססע א. ז. וו. ניט וויינינגער שטערט איהם אין שטרייט דיא פירכטערליכע וויללקיר פון דער רוססישער פאָליציי אונד איהרע וויללקיר בעזאָנדערס אין דער אידישער „טשערטאַ".

דורך דעם נעמט דער אידישער פראָלעטאריאַט פערשטייַן זיין פאָליטישע לאגע אונד ביסליך ווייז קאָמט ער צום שכל וויא נאָטווענדיג איהם איז פאָליטישע פרייהייט אים אללגעמיין אונד איבערהויפט דיא פרייהייט צו גרינדען קאססען, פיהרען סטרייקען, די פרייהייט פון פערזאממלונגען א. ז. וו. מיט איין וואָרט דיא נייטהיגסטע עלעמענטען צום פיהרען אַ זיעגרייכען קאמפף אום אויס צו בעססערען זיין לאַגע.

דער זעלבער עקאָנאָמישער קאמפף צייגט דעם אידישען ארבייטער דיא שעדליכקייט פאר איהם פון דיא בעזאָנדערע רוססישע געזעטצע געגען די אידען, און דאריבער שטעלט דער אידישער פראָלעטאריאַט אויף דיא אויבען ערוועהנטע פאָדערונגען נאָך די פאָדערונג פון אבשאפפונג פון בעזונדערע געזעטצע געגען דיא אידען. מיט דער לעצטען פאָרדערונג קאָמפפט דער אידישער פראָלעטאריאַט פאַר דיא גאנצע אידישע בעפעלקערונג פון רוססלאנד.

אין דעם פאָליטישען קאמפף קען דער אידישער פראָלעטאריאט ניט האָפפען אויף דיא הילפע פון דער אידישער בורשזואַזיע אונד קליינבירגער: דיא ערשטע איז דעמאָראַליזירט דורך דיא אלמעכטיגקייט פון איהר קאַפיטאַל; בענוצענד די בעשטעכונג פון די רוססישע טשינאָווניקעס (בעאמטע), פיהלט זיא זיך אלס בעל-הבית פון געטטא, אונד פישט אים טריבען וואססער פון דער אידישער רעכטלאָזיגקייט.

די צווייטע, דאָס קליינבירגערטהום, וויא דאָס קליינבירגערטהום בכלל אונד אידישע בפרט אונבעשטימט, מיט לייב אונד לעבען איבערגינעבען צו זיינע געשעפטלעך איבערהויפט אָן באָדעל, האט עס פאר דעם פאָליטישען קאמפף קיין שום ווערט; אונטערגעהענדיג כאפט עס זיך פאר זיין קליינעם אייגענטהום; געהענדיג צום גרונד דורך דעם גרויסען וואוכערע׳ס האנדעל׳ס און פראָדוקטיאָנ׳ס קאַפיטאל, האסט עס די בורשזואַזיע, אונד אין דערזעלבער צייט בוקט עס זיך צו איהר, וויא פאר זיין העכסטען אונערדרייכבארען אידעאַל.

דער אידישער פראָלעטאריאַט בלייבט אלזאָ אליין אין זיין קאמפף פאר פאָליטישע פרייהייט. ער קאָמט פאר אלזאָ אלס דער איינציגער קאָמפפער פאר די בירגערליכע אונד פאָליטישע רעכטע פאר דעם גאנצען אידישען פאָלק. ער קען האָפפען מעהר נישט אויף זיינע אייגענע קרעפטין און אויף דיא הילפע פון דיא פראָלעטאריאַט פון דיא איבריגע פאָלקער אין רוססלאנד.

ארויסגעהענדיג פון דיא אויבען ערקלעהרטע גרונדזעטצען, האט די אידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געשטעלט פאַר איהר צוועק פאָלגענדע אויפגאבען: ענטוויקלען דעם עקאָנאָמישען אונד פאָליטישען קלאססענבעוואוסטזיין אין דעם אידישען פראָלעטאריאַט, ענטוויקלען אין איהם דעם בעוואוסטזיין וויא נייטהיג עס איז צו פערניכטען די ספעציעלע געזעטצע געגען אידען, ד. ה. צו פערטהיידיגען אויך די אינטערעסען וועלכע אנגעלאנגען מעהר נישט דעם אידישען פראָלעטאריאט אליין. די אידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פיהרט דאָס דורך מינדליכע אגיטאַציאָן אונד דורך ליטעראַטור.

צו דיעזען צוועק האט זיך אין די לעטצטע פאאר יאהרען געבילדעט איין „גרופפע אידישער סאציאל-דעמאָקראטען אין רוססלאנד", וועלכע האט ארויסגעגעבען, אין אידישען שזארגאָן, א גאנצע ראיע בראָשורען, אונטער דעם טיטעל „אידישע ארבייטער", אונד [אין] דער לעטצטערער צייט האט זיא אנגעפאנגען ארויס צו געבין א אידישע ארבייטער צייטונג, אונטער דעם זעלבען נאמען. דאָרט ערקלאָרט זיא דעם אידישען פראָלעטאריאט זיינע נעכסטע ציעלען—פאָליטישע פרייהייט, מיטלען, דורך וועלכע ער האט צו קאָמפפען, אום זייא צו ערדייכען, אונד דיא לעצטע ציעלען דער סאָציאל-דעמאָקראטיע—דיא אבשאפונג דער קלאססען, דאָס איבערגעבען דיא פראָדוקציאָנ'ס מיטטעל אין די הענדע דער ארבייטער. דיא בראָשורען אונד דיא צייטונג דרוקען זיך אין אויסלאנד, אונד דיא לעגאלע פאָדער-בלעטלעך פון דיא בראָשורען דיענען אלס מיטטעל לייכטער צו פערשפרייטען זייא אין דער אידישער ארבייטער מאססע.

ווילענדיג בעקאנטמאכען דעם אידישען פראָלעטאריאט פון אנדערע לענדער מיט דיא ריכטונג דער טהעטיגקייט פון דעם אידישען פראָלעטאריאט אין רוססלאנד, ווענדעט זיך יעצטע דיא „גרופפע אידישער סאָציאל-דעמאָקראטען אין רוססלאנד" מיט דיעזער בעקאנטמאכונג אין אללע רעדאקציעס פון אידישע סאָציאל-דעמאָקראטישע צייטונגען און צו אללע אידישע סאָציאל-דעמאָקראטישע גרופפען מיט א ביטטע צו פערברייטען דיא בראשורען אונד דיא צייטונג.

## דיא „גרופפע אידישער סאָציאל-דעמאקראטען אין רוססלאנד".

סעפטעמבער 1897

[נאָך דעם טעקסט פון אויפרוף קומט א רשימה פון אויסגאבעס, וואס די „גרופפע יידישע סאָציאל-דעמאָקראטן אין רוסלאנד" האָבן ארויסגעגעבן און זייער פרייז אין פארשיידענע לענדער. אָט איז די רשימה:]

1) ארבייטס-טאג; 2) שכירות; 3) דיא אידען אין רוססלאנד פאר אלעקסאנדער III צייטען; 4) גוט יום טוב; 5) וויכוח וועגען מזל; 6) א רעדע אויף פורים; 7) דער 1-טער מאי; 8) דער שטאדט-מגיד; 9) דער אידישער ארבייטער 1 № [זייַן אינהאַלט]; 10) דער אידישער ארבייטער 3—2 № [זייַן אינהאַלט]; 11) דיא לעבענסגעשיכטע פון איין ארמען ארבייטער („דער קאמפף דער בעלגישען ארבייטער פיר דיא פרייהייט") (פון קריצעווסקי).

עס ווירד באלד ערשיינען:

12) דער אידישער ארבייטער 5 ,4 — אינהאַלט [עס קומט א גענויער אינהאַלט].

דער סקלאַד אין נידערלאַגע פון דיא יודישע סאָציאל דעמאקראטישע ליטטעראטור בעפינדעט זיך: Imprimerie Russe, Genève, (Suisse) 19, Chemin de la Roseraie.

---

די יידישע פראָקלאמאציעס פון דער פפ"ס אין 1897 זע אויבן אין ארט' פון פ. שווארץ; פ"גל אויך דעם ארט' פון א. טשעריקאָווער וועגן דער אומלעגאלער ליטעראטור.

רעדאקציע

# „דער אידישער ארבייטער"

ארגאן פיר די אינטערעססען דער אידישען ארבייטער אין רוססלאנד.

ארבייטער אללער לענדער פעראייניגט אייך.

## פון דער רעדאקציאן.

די אידישע ארבייטער בעוועגונג, וועלכע איז שוין איצטער א רעכט ביסעל פערשפרייט אין דער גאנצער געגענד, וואו אידען מעגען וואהנען, ענטוויקעלט זיך ווייטער אלץ מעהרער און מעהרער. וואס ווייטער שטעהען צו צו דער בעוועגונג אלץ מעהרער שטעדט, און אין די שטעדט, וואו דאס שטרייט פיהרט זיך שוין פון לענגער — אלץ נייע מלאכות. און צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון דער ארבייטער בעוועגונג ענטוויקעלט זיך ביי די ארבייטער אויך די איבערצייגונג, אז אום ווירקליך צו פערבעססערן זייער לאגע מוזען זיין פעראייניגט די ארבייטער פון אללע שטעדט און אללע מלאכות, און ערסט דאנן קענען זיי ערווארטען וויכטיגע פערבעססערונגען. די אידישע ארבייטער-מאססע וואס האט שוין ארויסגעטרעטען אופן שטרייט, נעטיגט זיך וואס ווייטער אלץ מעהרער אין אליטעראטור; וועלכע זאל אבשפיגלען אין זיך און ערקלעהרען דעם שטרייט, וועלכען דיא זעלבינע מאססע פיהרט. ווי גרויס עס זיינען דיא בעדערפניס און נעטהיגקייט אין אזא ליטעראטור בעווייזט גענוג דייטליך דאס, וואס אין יעדער שטאדט, וואו נור עס איז דא איינציגער מאכסען אין ארבייטער-בעוועגונג זיינען פאראן פיעל געשריבענע בראשירען, ביכלאך, וועלכע ערקלעהרען פון קלאססען-שטאנדס פינקט פערשיעדענע לעבענספראגען, וואס גוגע איז צו די ארבייטער פון יענער שטאדט, אזוי אויך אללגעמיינע פראגען. די ענטוויקלונג און גרויס פערשפרייטקייט פון דער ארט ליטעראטור בעווייזען

ערשטער נומער פון דעם „אידישן ארבייטער" (בערלין, דעצעמבער 1896)

---

1897. — דיא — № 1.

# ארבייטער שטיממע

א סאציאל-דעמאקראטישע
ארבייטער-צייטונג.
הערויס געגעבען פון א. גרופפע אידישע סאציאל-דעמאקראטען
אין רוססלאנד.

א. ב. | אויגוסט

## צוא דיא לעזער:

## דער שטרייק

ביי די לינקעסניקעס אין ביאלאסטאק.

ערשטער נומער פון דער „ארבייטער שטיממע" (אומלעגאל, ווילנע 1897)

# „צום אריינגאנג אין אַ נייע פעריאָדע"

(ב. פֿײַגנבוימס הקדמה צו דער בראָשור „דער סאָציאַליזמוס פֿון אלף ביז ת'", 1894)

אין 1894 האָט אין ניו-יאָרק דערשיַנט ב. פֿײַגנבוימס באַארבעטונג פֿון ק. קאַוטסקיס באַקאַנטער בראָשור וועגן דער „ערפורטער פראָגראַם" אונטער אַזאַ לאַנגן נאָמען:

**דער סאָציאַליזמוס פון אלף ביז ת'.**

(דאָס ערפורטער פראָגראַם),

**פון דעם גילעהרטען סאָציאַל-עקאָנאָם קאַרל קויטסקי.**

**בעארבייט און ערקלערט אין גאַנץ פראָסט אידיש פון ב. פייגענבוים.**

**אַרויסגעגעבען פון דעם „סאָציאַליסטישען בראָשורען פאָנד און אַרבייטער בילדונגס גרופּען"**

**פון ניו-יאָרק.**

[40 זײַטן, 8°, 1894].

די דאָזיקע בראָשור, ווי בכלל די אויסגאַבעס פֿון דעם „בראָשורן-פֿאָנד", זײַנען בשעתו געווען זייער באַקאַנט און פֿאַרשפּרייט אין אַמעריקע און ענגלאַנד און האָבן אַפֿילו אַרײַנגעדרונגען אומלעגאַל קיין רוסלאַנד צו די ייִדישע אַרבעטער-טוער. איצט איז די בראָשור שווער צו געפֿינען; אַן עקזעמפּלאַר געפֿינט זיך אין ביבליאָטעק פֿון ייִוואָ (אויך אין אַרכיוו פֿון „בונד").

צו יענער צײַט האָט שוין די סאָציאַליסטישע בראָשורן-ליטעראַטור אין ייִדיש אין ענגלאַנד און אַמעריקע געהאַט הינטער זיך כּמעט צען יאָר עקסיסטענץ. צו ערשט אין לאָנדאָן: סוף 1884 — אָנהייב 1885 זײַנען דאָ אַרויס די ערשטע בראָשורן פֿון דעם מין — בן-נצס (מ. ווינטשעווסקיס) „יהי אור" און גלײַך נאָך דעם זײַנע „פֿאָלקס-געדיכטע", אין 1887 — די איבערזעצונג פֿון לאַווראָווס רעדע צו די ייִדישע אַרבעטער אין פּאַריז, אויך דיקשטיינס בראָשור „פֿון וואָס איינער לעבט", איבערגעזעצט אין ייִדיש פֿון מרדכי בן שאול (ש. ראַבינאָוויטש)[1] אין 1888 — די „הגדה של פסח" פֿון ל. זאָלאָטקאָף און פֿײַגנבוים, און אין 1889 פֿיליפּ קראַנצס איבערזעצונג פֿון לאַסאַלס „אַרבעטער-פּראָגראַם" מיט מ. ווינטשעווסקיס קורצער ביאָגראַפֿיע פֿון לאַסאַלן;[2] אין 1888—1889 זײַנען אין לאָנדאָן אויך אַרויסגעגאַנגען פֿײַגנבוימס איבערזעצונגען פֿון יאָהאַן מאָסטס בראָשורן „פֿון וואַנען שטאַמט דער מענש" און „אײגענטום-בעסטיע" און אין 1889—1890 פֿײַגנבוימס אייגענע בראָשורן: „געזעץ דער אַנטוויקלונג", „די גאולה" אָדער „די אידישע הילף" און „ווי אַזוי קומט אַ איד צו סאָציאַליזמוס" (אַרויסג' פֿון די „ריטטער דער פרייהייט" אין

---

1 לאַווראָווס בראָשור און די זכרונות פֿון ש. ראַבינאָוויטש וועגן דיקשטיינס בראָשור זע אויבן.

2 „דאַס ארבײטער פראגראם" פון פערדינאַנד לאַסאַל, איבערגעזעצט אין גאַנץ אײנפאַכען א י ד י ש-ד ײ ט ש פון Philip Krantz, אַרויסג' פון דער גרופּע „פּאָרוועַרטס" אין לאָנדאָן (1889).

ענגלאַנד און אַמעריקע).[3] פֿון אָנהייב די 90ער יאָרן, ווען דער צענטער פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג גייט אַריבער פֿון לאָנדאָן קיין נ י ו ־ י אָ ר ק, איז די צאָל סאָציאַליסטישע בראָשורן אויסגעוואַקסן. נאָך אין 1886 האָט זיך אין „ניו־יאָרקער אידישע פאָלקסצייטונג״ געדרוקט אַן צנאָנימע איבערזעצונג פֿון מאַרקס׳ „לוין און קאַפּיטאַל״, וואָס איז שפּעטער אַרויס ווי אַ בראָשור[4]; אין 1890 האָט די גרופּע „ריטטער דער פרייהייט״ אין נואַרק (ניו־דזערסי) אַרויסגעגעבן אַ צווייטע אויפלאַגע פֿון ווינטשעווסקיס „יהי אור״, מיט אַ ליד צום סוף פֿון ב. פֿײַגנבוים. אין דער בראָשור פֿון אב. קאַהאַן „דער עיקר פון סאָציאַליזמוס אונד דער קאַמפּף פאַר איהם״,[5] וואָס דער „סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאָנד״ האָט אַרויסגעלאָזט אין ניו־יאָרק אין 1892, ווערן צום סוף אויסגערעכנט אויך די בראָשורן: „וועמעס גאָט איז בעסער? אַ ויכּוח צווישען אַ רב און אַ גלח, אַ געדיכט פֿון העגריך היינע איבערזעצט פון מ. הילקאָוויץ״ [=הילקוויט][6]; „וואָס הייסט סאָציאַל־דעמאָקראַטיע?״ פֿון פֿ. קראַנץ; „דיא לעבענס בעשרייבונג פון גרינעוויצקי, וועלכער האָט גיהרגעט דעם רוססישען קייזער״ א״אַ. שפּעטער, אין 1894, איז אַרויס ווינטשעווסקיס „דער אַלף־בית פון טרייד־יוניאַניזם״. וועגן דער סאָציאַליסטישער ייִדישער פּ ר ע ס ע, ווו ס׳האָבן זיך אויך געדרוקט פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען, רעדן מיר דאָ ניט.

עס איז דעריבער ניט פֿאַרשטענדלעך ווי קומט ב. פֿײַגנבוים, וואָס איז וועגן די אַלע בראָשורן געווען אויסגעצייכנט אינפֿאָרמירט, צו שרײַבן אין זײַן אַרײַנפֿיר צום „סאָציאַליזמוס פון אַלף ביז ת׳״, אַז „עס איז דאָס ע ר ש ט ע וויסנשאַפֿטלעכע בוך אויף פּראָסט ייִדיש״, און האַלט עס אַפֿילו פאַר אַ „וויכטיקע נײַס אין דער געשיכטע פֿון די ייִדישע ראַסע״ (!). ד״ר י. שאַצקי זאָגט אַרויס די השערה (אין אַ פּריוואַטן בריוו), אַז זי איז באַאַרבעט געוואָרן און אפֿשר אויך ג ע ד ר ו ק ט אַ סך פֿריִער אין לאָנדאָן און איז איצט אין אַמעריקע איבערגעדרוקט געוואָרן. עס לייגט זיך אויפֿן שׂכל, אַז ב. פֿײַגנבוים האָט די בראָשור באמת איבערגעזעצט נאָך אין מיטן די 80ער יאָרן — דעריבער באַשטייט ער אַזוי אויף דעם, אַז דאָס איז די ערשטע אַרבעט אין ייִדיש פֿון דעם מין. אָבער געדרוקט איז זי דעמאָלט ניט געווען: בעת אין לאָנדאָן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע בראָשורן, האָט נאָך ב. פֿײַגנבוים געלעבט אין בעלגיע.

צו זײַן בראָשור האָט פֿײַגנבוים צונעגעבן אַ לענגערן אַרײַנפֿיר מיטן נאָמען „צום אַרײַנגאַנג אין אַ נײַע פּעריאָדע אין די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור״, וואָס איז זייער טיפּיש פֿאַר פֿײַגנבוימס סטיל (די גרויסע ציטאַטע פֿון ספֿר בן־סירא וכדומה), איז אָנגעשריבן אין זייער אַ גוטן ייִדיש פֿאַר יענער צײַט און איז אינטערעסאַנט מיט זײַן כאַראַקטעריסטיק פֿון דער ייִדישער שפּראַך. די „מיוחסים״ בײַ ייִדן, שרײַבט ער, האָבן זיך לשון־קודש, די „נײַמאָדישע״ — אַן אייראָפּעיִשע שפּראַך, „זשאַרגאָן אָבער איז בײַ ייִדן די עכטע פּראָלעטאַרישע שפּראַך, די שפּראַך פֿון דעם „המון עם״, פֿון די בעלי־מלאָכות״; דער „נײַער גײַסט״, געמיינט — דער סאָציאַליזם, האָט זיך באַוויזן אויך צווישן ייִדן, און עס הייבן אָן צרויסצוגיין ביכער פֿאַר אַרבעטער אין דער שפּראַך פֿון די אַרבעטער — אין „פּראָסטן זשאַרגאָן״. „אָט דאָס איז דער וויכטיקער צייכן דער צײַט!״ אַזאַ קלאָרע שטעלונג צו ייִדיש און זײַן אָרגאַנישער פֿאַרבינדונג מיטן סאָציאַליסטישן נײַעם גײַסט געפֿינען מיר ניט בײַ די אַנדערע „ייִדיש־שפּרעכנדיקע״ קאָסמאָפּאָליטן פֿון יענער צײַט.

מיר דרוקן דאָ איבער דעם דאָזיקן כאַראַקטעריסטישן אַרײַנפֿיר.

א. ט ש.

---

3 חוץ די דערמאָנטע, זײַנען אין לאָנדאָן אויך אַרויסגעגאַנגען די בראָשורן: „דער וויכּוח „איבערגעזעצט פֿון מאַלאַטעסטאַ (1888), לאַפּאַטינס לעבנס־באַשרײַבונג (1888), יאָהאַן מאָסטס „גאָטעס פּעסט״, ייִדיש פֿון י. יאַפּפּאַ (1889); „געזעץ און אויטאָריטעט״ פֿון קראָפּאָטקין, ייִדיש פֿון א. פֿראַנק (ד״ר מעריסאָן; 1889); „וואָס ווילען די אַנאַרכיסטען? פּרינציפּען־ערקלערונג״ פֿון ש. יאַנאָווסקי (1890).

4 ה. ב ו ר ג י ן (געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, ז׳ 200) דערמאָנט אב. קאַהאַנס איבערזעצונג פֿון מאַרקס׳ „לוין־אַרבעט און קאַפּיטאַל״; משמעות איז דאָס די זעלביקע בראָשור.

5 „איבערגעזעצטער אויסצוג״ פֿון געדס און לאַפֿאַרגס „פּראָגראַם פֿון דער אַרבעטער־פּאַרטײַ״.

6 אַרויס 1890 אין ניו־יאָרק. איין עקזעמפּלאַר געפֿינט זיך אין אַרכיוו פֿון ייִוואָ.

# צום ארייגאנג אין אַ נייע פעריאָדע אין דיא זשארגאָנישע ליטעראַטור.

## I.

### אַ צייכען דער צייט.

מיט דעם וואָס דיזעס בוך ווערט אַרויסגינעבען אין פּראָסט אידיש, פּאַסירט אַ וויכטיגע נייעס אין דיא געשיכטע פון דיא אידישע ראַסע, און עס איז אַ מערקווירדיגע נייעס, דען זיא ווייזט אויף אַ וויכטיגע ענדערונג וואָס קוממט אָן אין דיא גאַנצע מענשהייט; זיא צייגט, אַז דיא זעלביגע צייכענס, וועלכע בעווייזען זיך ביי אַלע אומות און זאָגען אָן, וויא אַ טהורם-גלאָק, דיא נבואה, אַז באַלד וועט אויפשטיין אַ נייער מאָרגען — דיזעלביגע צייכענס בעווייזען זיך היינט מערקווירדיגערווייזע אויך ביי אידען און בעשטעטיגען דיא נבואה.

**עס איז דאָס ערסטע וויסענשאַפטליכע בוך אויף פּראָסט אידיש** — דאָס איז דיא וויכטיגע נייעס;

**דער פּראָסטער עולם פון דיא אידישע ראַסע בעדאַרף שוין וויסענשאַפט** – דאָס איז אויף וואָס דיא נייעס ווייזט, — און דאָס האָט אַ טיעפע, זעהר אַ טיעפע בעדייטונג, וויא מיר וועלען דעם לעזער דאָ ערקלערען.

* * *

אַז אידען האָבען זיך אָבגינעבען מיט וויסענשאַפט, איז קיין נייעס ניט. אָבער ווען מיר זאָגען סתם „אידען" ווייסען מיר נאָך גאָר ניט פון וועמען מען רעדט, מחמת עס בלייבט נאָך איבער דיא הויפּט-וויכטיגע פראַגע: וועלכע אידען. וואָרים נאָך דעם גרויסען אמת, וועלכען דיא סאָציאַליסטישע דיינקערס זיינען אין דיא נייע צייט דערגאַנגען, שפּיעלט אין דעם גאַנג פון דיא געשיכטע פון דער מענשהייט דיא הויפּט-ראָלע ניט דער אונטערשיעד צווישען דיא פערשידענע אומות, נאָר דער עיקר דער אונטערשיעד צווישען פערשידענע קלאַססען אין דיא אומות גופא. און נאָך דיזען אמת נאָך, איז אַ גרויסע נפקא מינה, וועלכער זאָרט אידען, וועלכע קלאַססע פון אידען האָט זיך ביז אהער אָבגינעבען מיט וויסענשאַפט.

אויף דיזע פראַגע גיבט אַ קלאָרע תשובה דער פאַקט, דאָס ביז אהער איז קיין מאָל ניט געשריבען גיוואָרען קיין וויסענשאַפט אין דיא שפּראַך פון דעם אידישען „המון עם", פון דיא אידישע בעלי מלאכות.

ביי קיין אומה אין דער וועלט האָט ניט אַזוי דער „המון עם" אַ גאַנץ בעזונדערע שפּראַך, וויא ביי אידען. דיא מיוחסים פון אידען פערשטייען לשון קודש – ווען זיי זיינען נאָך עכטע אידען פון דעם אַלטען סטיל, — אָדער אַ אייראָפּעאישע שפּראַך — ווען זיי זיינען ניי-מאָדישע. זשאַרגאָן אָבער, איז ביי אידען דיא עכטע פּראָלעטאַריער שפּראַך, דיא שפּראַך פון דעם „המון עם", פון דיא בעלי מלאכות.

און אַלע וויסענשאַפטליכע ביכער וואָס זיינען וואָס זיינען ביז אהער געשריבען גיוואָרען ספּעציעל פיר אידען, — סיי טאַקי עכטע וויסענשאַפט, סיי דיא אידישע כלומר׳שטיגע „וויסענשאַפטען", — זיינען גיוועזען געשריעבען אויף לשון-קודש. זעלטען ווען גוטע מענשען האָבען זיך אַ מאָל מרחם גיוועזען אויף׳ן „המון עם" און אויף דיא ווייבער און האָבען געשריבען פיר זיי אַ צאנה וראנה, איבערזעצט אַ קבן!] הישר, אַ מנורת המאור, און נאָך אַזעלכע „וויסענשאַפטליכע" ספרים.

דיזער פאַקט אַליין צייגט אונז מעהר וויא אַלע בעווייזע פון דער וועלט, אַז אומזיסט בעמיהען זיך דיא ניי-מאָדישע אידישע משכילים אַזוי שטאַרק, דוקא צו בעווייזען, דאָס ביי אידען זיינען דיא בעלי מלאכות ניט גיוועזען הייניגער מיוחסים וויא דיא גילערנטע, והא ראיה עס זיינען גיוועזען תנאים וואָס זיינען אַליין גיוועזען בעלי מלאכות א. ז. וו. — אומזיסט! —

דיזער פֿאַקט אַליין בעווייזט, אַז אידען האָבען אויך ניט געמאַכט קיין שום אויסנאַהמע פֿון דיא נאַטירליכע ענטוויקלונג פֿון אַלע פֿעלקער; ביי אידען אויך, אַזוי גוט וויא ביי אַלע פֿעלקער, האָט מען דאָס פֿאָלק, דיא מאַסע, דעם „המון עם", דיא בעלי מלאכות, גיהאַלטען אין אונוויסענהייט, וויל זיי זיינען גיוועזען דיא בעהערשטע, וואָס האָבען קיין שום דעה ניט גיהאַט, — און זיי האָבען קיין שום דעה ניט גיהאַט, וויל זיי זיינען גיהאַלטען גיוואָרען אין אונוויסענהייט.

און דיזער צווישען-שייד איז ניט גיוועזען סתם צווישען גילערנטע און גראָבען יונגען, נור עס איז גיוועזען אַ קלאַססען-צווישען-שייד: דיא בעלי מלאכות, אַלס בעלי מלאכות, זיינען גיוועזען דיא „גראָבע יונגען"; זיי האָט מען געלאָזט זיי[ן] אונוויסענד; וויל אַרבייט און וויסענשאַפֿט איז גיוועזען צוויי ענטגעגען-געזעטצטע זאַכען. אַרבייט איז גיוועזען אַ שאַנדע, אַ שקלאַפֿען-דיענסט, און דיא אַרבייטער — אַ'ן „עם הדומה לחמור", אַ פֿאָלק וואָס איז גלייך צו אייזלען, — און וויא קומט צו אייזלען, צו שקלאַפֿען צו זיין גילערנט?

געלערנטקייט דאַרפֿען נאָר האָבען דיא מענשען, וואָס האָבען עפּעס אַ דעה, וואָס רעגירען מיט דער וועלט, אָבער ניט דיא וואָס דאַרפֿען רעגירט צו ווערען.

וויסען איז מאַכט — און בעהיט זאָל מען ווערן, דער המון עם, וועלכער דאַרף טאָן דיא גאַנצע שקלאַפֿען-אַרבייט פֿיר אַלע מיוחסים, זאָל חלילה קריגען מאַכט!...

אַ חוץ דעם וואָס יעדער איד וויים דאָך דעם אמת, וואָס פֿיר אַ פּנים אַ בעל מלאכה האָט ביי אידען; אַ חוץ דעם וואָס דיא גמרא זאָגט, אַז אַ'ן „עם-הארץ" מעג מען צורייסען וויא אַ הערינג, אַז מיט אַ'ן „עם הארץ" זאָל מען זיך ניט מתחתן זיין אפילו, אַז ווער עס האָט חתונה מיט אַ'ן „עם הארץ'ס" טאָכטער איז עובר אויף „ארור שוכב עם בהמה", „וויל זיי זיינען פּאַסקודסטווע און זייערע ווייבער זיינען פּאַסקודסטווע" (מפני שהם שקץ ונשותיהם שקץ); אַ חוץ דעם וואָס דיא גמרא זאָגט, אַז אַ'ן „עם הארץ" טאָר אפילו קיין פֿלייש ניט עסען (דיא ריכטיגע בעדייטונג פֿון „עם-הארץ" איז: דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד, דיא מאַססע) — אַ חוץ דעם אַלעם געפֿינט זיך אַ'ן אינטערעסאַנטער דאָקומענט וועגען דיא אונטערטהעניגע סאָציאַלע מדרגה פֿון דיא אַרבייטער-קלאַסע אין פֿערבינדונג מיט זייער אונוויסענהייט, און זייער ווערדע אין דיא אַלטע אידישע מלוכה; דער דאָקומענט איז אַ קאַפּיטעל אין דעם ספר „בן סירא", וועלכעס איז פֿערפֿאַסט גיוואָרען פֿון אַ זעהר גרויסען אידישען שרייבער, אין דיא צייט ווען דיא אידען האָבען געהאַט זייער אייגענע מלוכה.

עס איז זעהר כדאי דיזען קאַפּיטעל דאָ אין גאַנצען איבערצוזעצען:

## קאַפּיטעל XXXVIII

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

(23) ווער גאָט'ס געזעץ *) שטודירט, מאַטערט זיך ניט מיט קיין מלאכה; און דיא וואָס פֿערטיעפֿען זיך אין וויסענשאַפֿט, בעמיהען זייערע הענד ניט. (24) ווער עס אַקקערט מיט אָקסען, וויא קען ער פֿאָרשען? ווער דעם אַקקער-אייזען פֿיהרט—וויא קען ער לערנען? (25) ער פֿערברייננגט זיינע יאָהרען אין מיה און מאַטטער און זיין איינציגע אונטער-האַלטונג איז מיט אָקסען. (26) זיין גאַנצער געדאַנק ליגט אין דער ערד; אַקקערן און דיא בהמות-פּאַשען איז אַלץ וואָס איהם ליגט אין זיננען. (27) האָלץ-אַרבייטער און שטיין-האַקער רוהען ניט ביי טאָג און ביי נאַכט. (28) שניצער און בילד-הויער שטייען תמיד אויף דיא פֿיס, צו שניצען און צו בילדען זייער האַנדווערק נאָך דיא קונסט נאָך. (29) דער שמידט שטייט שטענדיג ביי זיין אַרבייט, און זיין גייסט ווערט ערמידעט פֿון רויך און האַממער-קלאַפּ. (30) זיין פֿאָרשען גייט אויף דיא טיעפֿע חכמות פֿון דיא כלי וואָס ער מאַכט; אין

*) אין יענע צייט איז טאַקי געוועזען „וואו תורה דא חכמה". ביידע זיינען געוועזען פֿערמישט צוזאַמען. די אַלומדים זיינען געוועזען די וויסענשאַפֿטס-לייט.

זיינע אויערען קלינגט שטענדיג דער קול פון דעם האממער, און זיין שטרעבונג איז נור צו שלייפען און גלייך צו מאכען זיין האנדווערק. (31) דער טעפּער מאַטטערט זיך זיין גאַנצען לעבען אויף דיא דרייה-באַנק, מיט זיינע פיס דרייט ער דאָס רעדעל און זיינע אויגען קוקען נאָר צו כאַפּען דיא ריכטיגע מאָס פון דעם טאָפּ. (32) דאָ בילדעט ער אויס דיא כלי מיט זיין האַנד, דאָ קנעט ער דעם ליים מיט דיא פיס. (33) דערנאָך טראַכט ער דעם אויווען אויסצוקעהרען פון אַש און אויסצוגלייזען דעם טאָפּ מיט פאַרב. (34) דיא אַלע האָבען נור זייער האַנדווערק אין זינען און אין דעם לייגען זיי אריין זייער גאַנצען געדאַנקען. (35) אין קיין שטאָט כעהלט זייער וואוינונג ניט, און ווען זיי פעהלען, וואוינט קיינער אין זייער וואוינונג ניט. (36) אָבער צו קיין עצה טויגען זיי ניט. און אין דיא געמיינשאַפט פון פאָלק שפּיעלען זיי קיין שום וויכטיגע ראָלע ניט. (37) אויף דער ריכטער-שטוהל זיצען זיי ניט, דען זיי פערשטייען קיין געזעצע און קיין רעכט. (38) זייער האַרץ איז פוסט פון וויסען וויא גערעכטיגקייט צו טאָן, און פיין רעדען קענען זיי ניט. (39) נאָר אַלץ וואָס דאָס לאַנד בעדאַרפט. ווערט דורך זייער האַנד געמאַכט, דעריבער ליגען זיי אונטער זייער יאָך וויא טאָג אזוי נאַכט.

## קאַפּיטעל XXXIX

(1) ניט אזוי איז אָבער דער וואָס קעהרט זיין האַרץ צו גאָט׳ס תורה,*) וואָס זיצט צווישען דיא שטודירענדע און פאָרשט אין דיא שריפטען פון גאָט׳ס נביאים. (2) דער וואָס פאָרשט אין דיא רייד פון בעריהמטע מענער און פאַרטיעפט זיך אין דיא טיפעניסען פון זייערע שפּריך-ווערטער. (3) וואָס פאָרשט זייערע פערבאָרגעניסען און דיינקט נאָך וועגען יעדע רעטעניס און מליצה: (4) איהם שטייט אָן א פירשטען אמט און דער אומגאַנג מיט גרויסע הערושער א. ז. וו. א. ז. וו. (5) ביי זיין לעבען איז זיין נאָמען גיהויבען צווישען מענשען און נאָך זיין טוידט האָט זיין אַנדענקונג קיין מאָל קיין ענדע ניט.

*) אזוי שטייט אין ספר בן סירא.

אָט זעהט איר:—ווייל „אַלץ וואָס דאָס לאַנד בעדאַרף ווערט דורך זייער האַנד געמאַכט“, „ליגט זייער גאַנצער גידאַנק אין זייער האָרעוואַניע“ און זיי זיינען „איינגעשפּאַנט אין זייער יאָך וויא טאָג אזוי נאַכט“; אויף אַזאַ אופן איז „זייער האַרץ פוסט פון וויסען“ און איבער-דעם „שפּילען זיי אין געמיינשאַפט פון פאָלק קיין ראָלע ניט“, און אזוי אומגעקערט—אָט אזוי איז עס ביז אהער גיוועזען מיט דיא אַרבייטער ביי אַלע אומות, אַז, וויא איהר זעהט, ביי אידען אויך!

* * *

אָבער דעם זעלבינגען מזל האָבען פריהער אויך גיהאַט סוחרים, מעקלערס און אַלערליי גישעפטס לייט. אויך זיי האָבען „אין געמיינשאַפט פון פאָלק קיין ראָלע ניט געשפּיעלט“, אויך זייער האַרץ איז גיוועזען „פוסט פון וויסען“. „לא כל המרבה בסחורה מחכים“—ווער עס בעשעפטיגט זיך פיעל מיט האַנדעל קען קיין וויסענשאַפט ניט האָבען,—האָט שוין דער „פרק“ געזאָגט.

אָבער זייער צייט איז א מאָל געקומען און זיי זיינען גיוואָרען דיא בעלי בתים פון דער וועלט.

און וואָס איז גיוועזען דער ערשטער סמן, אַז זיי הייבען אָן צו קריגען דיא מאכט אין דער וועלט? אַז זיי הייבען אָן „צו שפּיעלען א ראָלע אין געמיינשאַפט פון פאָלק“?

דער ערשטער סימן איז גיוועזען, דאָס זיי האָבען אָנגיהויבען צו ווערען דיא געלערנטע, דאָס זייער האַרץ האָט אויפגיהערט צו זיין פוסט פון וויסען (ניט היינט געדאַכט...)

זיי זיינען גיוואָרען דיא וואָס „זיצען צווישען דיא שטודירענדע“, איז זיי שוין „אָנגישטאַנען א הערשער-אמט“.

וויסען איז מאכט!....

* * *

און היינט ווידער איז דיא צייט, ווען דיא ארבייט הערט ענדליך אויף צו זיין אָבגעשיידט פון וויסען. ביי דיא היינטיגע קינסטליכע איינריכטונגען דאַרף מען ניט מעהר, אז דיא אַרבייטער זאָלען „ליגען אונטער זייער יאָך טאָג וויא נאַכט״, אום צו מאַכען „אַלץ וואָס דאָס לאַנד בעדאַרף״. היינט איז דיא צייט, ווען א בן סירא דאַרף ניט מעהר חוזק צו מאַכען פון דעם אַרבייטער, אַז „זיין פערשטאַנד ליגט נאָר אין דער ערד״. היינט קען דיא עהרע פון ארבייט גיין אָרעם אין אָרעם מיט דיא ווירדע פון וויסען. היינט איז דיא צייט, ווען דיא אַרבייטער קענען וויסען און ווילען וויסען, און דאָס איז דער צייכען, אַז זיי גייען קריגען דיא מאַכט—אַז עס קומט ענדליך אָן דיא הערשאַפט פון דיא ארבייטער-קלאַסע!

און דיא הערשאַפט פון דיא אַרבייטער-קלאַסע הייסט דיא גאולה פיר דיא גאַנצע מענשהייט. יעדע הערשענדע קלאַסע בעזאָרגט עהרע און גליק פיר זיך. און דיא הערשאַפט פון דיא אַרבייטער קלאַסע הייסט, מאַכען דיא ארבייט פיר א׳ן עהרען פפליכט, אַנשטאָדט א שקלאַפען-דיענסט; דאָס מיינט: עהרע און גליק פיר דעם אַרבייטער,— און דאָס הייסט פיר אַלע מענשען, דען א׳ן אַרבייטער זיין קען יעדער, ווער עס וויל נאָר ניט ליידיג אַרומגיין......

* * *

דיזער נייער גייסט, דיזער צייכען פון „משיח׳ס צייטען״, בעווייזט זיך היינט אויף דיא גאַנצע וועלט, ביי אַלע אומות,—און אַזוי אויך ענדליך ביי אידען: עס ווערען ענדליך אַרויסגעגעבען וויסענשאַפטליכע ביכער דורך אידישע אַרבייטער פיר אידישע אַרבייטער, אין דיא שפּראַך פון דיא אידישע אַרבייטער—אין פּראָסטען זשאַרגאָן.

אָט דאָס איז דער וויכטיגער צייכען דער צייט!.....

.II

## דער איינהאַלט און וויכטיגקייט פון דיעזען בוך.

דאָס בוך, וועלכעס מיר גיבען דאָ אַרויס פאַר דעם אידישען לעזע-פּובליקום, איז גראָד אַזעלכעס, וואָס יעדער פערשטענדיגער מענש בענעהרט זעהר צו האָבען; עס איז אָבער אויך דאָס ניצליכסטע און וויכטיגסטע פון אַלע זשאַרגאָנישע ביכער, [וו]אָס זיינען אַמאָל גידרוקט גיוואָרען.

וואָרים איהר מוזט וויסען, אַז דאָס בוך איז ניט בלויז דיא ערקלערונג פון דיא גידאַנקען פון איין פּאַרטיי, נאָר עס האָט אין זיך כמעט דיא גאַנצע טיעפע וויסענשאַפט פון דיא סאָציאַלע עקאָנאָמיע.

דאָס איז דיא וויסענשאַפט, וואָס ערקלערט אונז דיא כללים (רעגעלס, פּראַווילאָס) פון דעם וואָס עס פּאַסירט צווישען דיא מענשען מיט דיא סחורות און מיט דעם געלד, מיט דעם האַנדעל און מיט דיא געשעפטען, מיט דיא ארבייט און מיט דיא פערדיענסטען—דאָס איז, מיט איין וואָרט, די לעהרע מכות דיא „באַלהאַבאַטישקייט״ (—עקאָנאָמיע) פון דיא מענשליכע גיזעללשאַפט (—סאָציעטאַס—דעריבער „סאָציאַלע עקאָנאָמיע״).

און אין דעם צו דערגיין א טאָלק בעגעהרט יעדער פערשטענדיגער מענש און דאָס איז זעהר נויטווענדיג פיר יעדען מענש.

כמעט ביי יעדע עטליכע שורות וועט דער פערשטענדיגער לעזער פון דיזען בוך געוויס אויסרופען בעפרידיגט: „אָט, טאַקי דאָס האָב איך אַלע מאָל גיוואָלט וויסען!״ „דאָס איז מיר טאַקי תמיד קשה גיוועןן!״ „אין דעם האָב איך טאַקי אימער גיוואָלט דערגיין א טאָלק!״—און גליכט וועט איהם אויפגייין אין דיא אויגען, וואָס ער וועט דערגיין דאָס, וואָס ער האָט אַלע מאָל אַזוי שטאַרק בעגעהרט צו בעגרייפען.

און אויב דאָס איז נויטווענדיג!

ווען עס קומט אַ מאָל—ניט טרעפען זאָל זיך עס—אַ מגפה אין אַ שטאָט אריין, פיהלט יעדער מענש, אַז עס איז זעהר נויטווענדיג, מען זאָל דעם עולם געבען צו פערשטיין דיא כללים פון דיא מגפה: פאַר וואָס זיא קומט, אין וואָס דאָס ווענדט זיך וואָס זיא כאַפּט איינעם, וואָס איהר נאַטור איז, וויא מען קען זיך היילען פון איהרע קראַנקהייטען א. ז. וו.—כדי דער עולם זאָל ניט שטיין וויא בלינדע געגען איהר, נור זיי זאָלען זיא פערשטיין וויא ווייט מעגליך און זאָלען אויף אַזאַ אופן וויסען, וויא זיי דאַרפען זיך פיהרען און וויא זיי קענען זיך פאַר דיא פעסט היטען. און אַזוי טוט מען טאַקי: אין דיא גאַנצע וועלט ניט דיא שטאָט אין אַזאַ פאַל אַליין אַרויס ביכלעך און לערנט דעם עולם דיא כללים פון דיא מגפה.

אַזאַ קראַנקהייט קומט נור אַ מאָל. עס זיינען אָבער דאָ אַנדערע מגפות, וואָס פייניגען און מאַטערען דיא מענשען כסדר,—אַזעלכע וואָס זיינען אייגענטליך דיא מוטערס פון אַלע אַנדערע מגפות—דאָס איז דיא מגפה פון דאגות פרנסה, פון שלעכטע גישעפטען מאַכען, פון ניט האָבען קיין אַרבייט, פון פערדיענען ווייניג ביי דער אַרבייט, פון ניט קענען קריגען קיין גוטען פרייז פאַר זיין סחורה, און כדומה.

זיינען דען אין דיזע מגפות ניט דאָ קיין כללים ווען זיי קומען, פאַר וואָס זיי קומען, אין וואָס זיי ווענדען זיך און וויא מען קען זיך פאַר זיי היטען? קומען דען שלעכטע צייטען גאָר אָהן אַ פאַר־וואָס, סתם פון הימעל אַראָב? גייט אַ מאָל אַ פאַך, אַ גישעפטס־צווייג, אונטער, גאָר אָהן אַ טעם? איז גאָר ניט דאָ קיין אורזאַך צו דעם וואָס אַ מאָל הייבט זיך דער ווערט פון אַ זאַך און אַ מאָל פאַלט ער, וואָס אַ מאָל גייען דיא גישעפטען בעסער אַ מאָל ערגער, וואָס אַלע טאָג ווערט אַלץ שווערער צו צושלאָגען זיך צו אַ שטיקעל פאַך פרנסה? איז גאָר ניט מעגליך צו געפינען כללים, וויא און ווען עס קען פיר אַלע מענשען זיין אַ בעסערע צייט — און נאָך אַזעלכעס?

געוויס שטעקט אין דעם אַלעם אַ שכל און זיינען דאָ אין דעם אַלעם רעגעלמעסיגע אורזאַכען. וועלכער פערשטענדיגער מענש האָט זיך דען ניט אין זיין לעבען גיבראָכען זיין קאָפּ, זיך אַליין צו מאַכען כללים אין דעם, אַליין אויסצוקלערען דעם טעם פון דעם און דיא אורזאַך פון יענעם? אָבער עס איז שווער אַליין אויפצופלאָנטערען דיזען שווערען פערדרייטען פלאָנטער, און יעדער פערשטענדיגער מענש וואָלט גיגערען גיפונען עפּעס אַ בוך, וואָס זאָל איהם דאָס געבען צו פערשטיין, נור אויף קליין געלד, אָהן שווערע פילוסופיות.

און דיזע בעדירפניס בעפרידינט דיזעס בוך, אַזוי אויספיהרליך, וויא עס איז אויף אַזאַ פראָסטען אופן נור מעגליך.

און, וואָס נאָך וויכטיגער פון אַלץ איז — לערנענדיג אין דעם בוך דיא כללים פון דיא סאָציאַלע פאַסירונגען, וועט דער לעזער דאַרין קלאָר, וויא דער טאָג, איינזעהען דעם וועג, וויא מען דאַרף מאַכען עס זאָל אַלע מענשען גיין גוט. ער וועט אין דעם געפינען דעם גאַנצען „חומש מיט רש"י", דיא גאַנצע נייע תורה פון דיא אויפקומענדע מאַכט פון דיא אַרבייטער־קלאַסען־פאַרטיי—דיא פאַרטיי, וואָס איז פערברייט איבער דיא גאַנצע וועלט און גייט איינפיהרען גאָר אַ נייעם לעבען אויף דער וועלט — דאָס איז, דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטישע־פאַרטיי. ער וועט אין דעם בוך גרינדליך לערנען דיא גאַנצע טיעפע תורה פון ס אָ צ י אַ ל י ז מ ו ס פון א' ביז ת'; דען דאָס בוך איז אייגענטליך דער „חומש" — דיא פראָגראַמע פון דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי — מיט „חבור" — מיט אויספיהרליכע ערקלערונג „פאַר וואָס און פאַר ווען און וויא אַזוי".

## III

## וויא צו לעזען אַזעלכע ביכער.

און וויל אַזעלכע וויסענשאַפטליכע ביכער זיינען אין אידישען זשאַרגאָן גאָר אַ נייעס, מוז מען מיט דעם יעניגען לעזער, וועלכער איז נור גיוואוינט צו לייענען אויף אידיש באָבע מעשה ביכלעך, אויסנעהמען אַ תנאי: — מיינט ניט, ליעבער לעזער, אַז אַזעלכע קענטניסען זיינען לייכטע פייגעלעך, וואָס פליהען אַריין אין קאָפּ וויא גיבראָטענע טויבען אין מויל. אמה,

דאָס בוך איז געשריבען פאַר'ן פראָסטען עולם, ניט פיר פּראָפעסאָרען, און עס איז דעריבער פערפאַסט אזוי לייכט און פערשטענדליך, ווי נור מעגליך. אָבער דער גרעסטער קינצלער פון דער וועלט קען ניט שרייבען אזוי, אַז עס זאָל גלײך ארײנקריכען דעם לעזער אין קאָפּ ארײן, ווען ער וועט ניט צולייגען קאָפּ. פון דעם פּראָסטען מענשענ'ס קאָפּ ביז צו א קענטניס איז א געוויסע ווייטקייט; א גוטער פערפאַסער פון זיין זייט טוט אַלץ וואָס ער קען, די ווייטקייט צו דערנעהנטערען; ער קען זיא אָבער ניט אין גאַנצען אַוועקנעהמען. ער, דער גוטער פערפאַסער, דערנעהנטערט די קענטניס צום לעזער'ס קאָפּ אויף האַלב וועגס; לאָז דער לעזער ווידער פון זיין זייט זיך סטאַרען צו צולייגען זיין קאָפּ אויף'ן אנדערען האַלבען וועג, וועט זיין קאָפּ דערגרייכען די קענטניס.....

## IV „פּראָסט אידיש".

נאָך א פּאָר ווערטער ספּעציעל צום אידישען לעזער:

דער איבע[ר]זעצער האָט זיך גיגעבען די גרעסטע מיה צו שרייבען דאָס בוך אין אזא פּראָסט מאַמע לשון, ווי נור מעגליך. אָבער אזא ספר איז אונמעגליך צו שרייבען דורך און דורך ריין אין די „מאַמעס לשון", ווייל די מאַמע האָט קיין מאָל פון אזעלכע גידאַנקען ניט גירעדט און אין איהר לשון קענען זיך ניט געפינען קיין ווערטער אויף אזעלכע זאַכען און גידאַנקען, וועלכע זיינען איהר קיין מאָל אין זינען ניט גילעגען. פּרופט איבערזעצט מיר אויף פּראָסט אידיש דאָס וואָרט „לאָקאָמאָטיף", למשל. ווי קען זיך געפינען ביי אידען א וואָרט פאַר א זאַך וואָס איז ביי זיי קיין מאָל ניט גיווען? מען קען ערקלערען אויף פּראָסט אידיש וואָס א לאָקאָמאָטיף איז; אָבער דאָס מוז גיטאָן ווערען מיט זעהר א סך ווערטער. א גאַנצע מגילה מוז מען אָנשרייבען אום איין וואָרט אויף אזא אופן צו „איבערזעצען". און ווייל אזא „איבערזעץ" איז אזוי שרעקליך לאַנג, קען מען איהם ניט אַלע מאָל גיברויכען. למשל, ווען מען וויל שרייבען „א לאָקאָמאָטיף האָט איהם איבערגיפאָהרען", פּרופט שרייבט דאָס נאָך אזא שטייגער איבערזעצונג: „א וואָגען פון אייזען, מיט קונצען א. ז. וו. א. ז. וו. א. ז. וו. האָט איהם איבער-גיפאָהרען" — האָט דאָס עפּעס א טעם? און ווי איז, ווען דאָס וואָרט דאַרף פאָרקומען 5—6 מאָל אין עטליכע שורות? העט מען יעדע.! מאָל גיין שרייבען אזא מגילה אָנצורופען א זאַך וואָס דאַרף ניט מעהר ווי איין וואָרט אַלס א נאָמען?

אָבער די דאָזיגע צרה איז ניט בלויז אין אידיש. אין אַלע שפּראַכען איז דאָס זעלבע. ניט אַלע מענשען פערשטייען אַלע ווערטער אפילו פון זייער אייגענע שפּראַך. דער שוסטער, למשל, האָט ווערטער, וואָס דריקקען אויס זאַכען פון שוסטער-ארבייט און ווערקצייג פון דיזע ארבייט. אזעלכע ווערטער זיינען שוסטער-ווערטער; ווער עס איז ניט קיין זוהן פון א שוסטער, קען זיי ניט האָבען גילערנט אין זיין מוטטערס הויז, ווייל מען האָט דאָרט קיין מאָל פון אזעלכע זאַכען ניט גירעט. אזוי האָט דער שניידער זיינע ווערטער, דער סטאָלער זיינע און דער מאַלער זיינע א. ז. וו. — און די אַלע מענשען קענען ווידער ניט האָבען גילערנט ביי זייער מוטטער די ווערטער, אפילו פון זייער אייגענע שפּראַך וועלכע זיינען פון די גילערנטע און דענקער בעשאַפען גיוואָרען, אָדער איבערגינומען פון פרעמדע שפּראַכען, אום מיט זיי אויסצודריקען אזעלכע גידאַנקען, בעגריפע אָדער זאַכען, וואָס די מוטערס פון פּראָסטען פאָלק האָבען זיי קיין מאָל ניט אין זינען גיהאַט. היינט ווען די גילערנטע ווילען אָבער פּאָרט רעדען פאַר'ן פּראָסטען פאָלק וועגען דיזע זאַכען, גידאַנקען און בעגריפע, קענען זיי זיך ניט אנדערש העלפען, ווי זיי אָנצורופען מיט זייערע נעמען, וועלכע דער פּראָסטער עולם האָט אין זיין מוטטערס הויז ניט ג[י]הערט. (אויך זיינען דאָ פערשידענע ווערטער אין פערשידענע פּראָווינצען).

אמת, עס איז דאָ א נפקא מינה: ביי אנדערע אומות איז דער פּראָסטער עולם היינטיגע צייטען פּאָרט שוין עטוואָס געבילדעט, און ער איז שוין צוגיוואוינט אזעלכע ווערטער צו הערען. ביי אידען אָבער, — הגם א טייל פון אזעלכע מינים ווערטער האָבען זיי שוין אויך אין די לעצטע יאָהרען מגייר גיווען, ווי למשל „פּאָליטיקע", רעוואָלוציע", „אפּעלאַציע", אָפּעראַציע",

„אמביציע“, „פריטענזיע“, „ליצרטאציע“, „עקזאמען“, וכדומה (בעזאָנדערס פיעל סוחר׳ישע ווערטער ביי דיא סוחרים), דאָך זיינען ביי אידען אזעלכע ווערטער נאָך זעהר ווייניג בעקאנט.

אויך איז אין אנדערע שפראכען דאָ האָטש א שטיקעל רפואה צו דיא מכה, מיט דיא ווערטער-ביכער, וואָס ערקלערען דיא ווערטער פון דיא אייגענע שפראך אין דיא אייגענע שפראך,— וואָס ביי אידען איז דאָס ניט דאָ.

אָבער דאָך בלייבט דאָס א שוועריגקייט אין אלע שפראכען, און מען קען זיך ניט העלפען; עס איז אונמעגליך צו רעדען אין ריין מוטטער-שפראך וועגען אזעלכע ארט זאכען. דיא לעזער מוזען זיך דיא פרעמדע ווערטער אויסלערנען.

היינט שטעלט-זשע זיך נאָך פאָר, וואָס פיר א קאטאָרזשנע ארבייט דאָס איז, אזעלכע זאכען צו שרייבען נאָך אין אונזער אָרימען מאמע-לשון און זיך וויא ווייט מעגליך צו היטען, כאָטש וואָס ווייניגער צו בענוצען פרעמדע ווערטער! פערלאנגט-זשע ניט מען זאָל אזעלכע ווערטער אין גאנצע[ן] פערמיידען. דאָס איז אונמעגליך. וואָס קען מען טאָן? „אז מען קען ניט אריבער מוז מען ארונטער“. און נאָך אלעם איז טאקי גראָד דעריבער גלייכער, אז אזעלכע נייטיגע ווערטער זאָלען אין אונזער אָרימען לשון אריינגעפיהרט ווערען, אז ניט וועלען זיי טאקי קיין מאָל ניט זיין, און אונזער מאמע לשון וועט אלע מאָל זיין אָרים און נויט-בעדירפטיג. ווען מען וואָלט דיא אלע ווערטער אין אנדערע שפראכען ניט א מאָל אריינגעפיהרט, וואָלטען זיי דאָרט אויך ניט גיוועזען.

עס איז נור דאָ איין עצה: דאָס ערסטע מאָל וואָס אזא ארט וואָרט ווערט בענוצט, זאָל עס גוט ערקלערט ווערען, און ווייטער זאָל מען עס שוין בענוצען אָהן ערקלערונג, אלס א׳ן אייגען וואָרט.

אזוי האָט טאקי דער איבערזעצער זיך נוהג גיוועזען אין דעם בוך, און ער בעט נור ביי דעם לעזער איין זאך, — אז ער זאָל זיך דיא ערקלערונג פון דיא פרעמדע ווערטער גוט געהמען אין קאָפּ אריין, כדי דאס זאָל איהם דערנאָך ניט שטערען צו פערשטיין דעם אינהאלט. און ווען ער האָט איבערגילייענט דיא ערקלערונג ארונטען, אין דיא אנמערקונג מיט דיא קליינע אותיות, און האָט זיא גוט פערשטאנען, זאָל ער צוריקגיין אויבען און נאָך א מאָל אָנהייבען פון אָנהייב פסוק און לייענען כסדר, האָבענדיג גוט אין זיננען דיא בעדייטונג פון דיא פרעמדע ווערטער.

ווייטער, ליעבער לעזער, לעזט דאָס בוך מיט חשק און מיט קאָפּ, און איהר וועט זעהען, אז אויב איהר וועט אזוי לעזען וויא דאָ אויבען איז גיזאָגט, וועט עס אייך גאָר ניט אזוי שווער אָנקומען, און איהר וועט זיך דערקוויקען אייער גייסט און א ליכט וועט אויפגיין אין אייער קאָפּ — דען דאָס בוך איז פערפאסט פון איינעם פון דיא גרעסטע גילערנטע אין דעם פאך.

ניו-יאָרק, דען 4טען יאנואר, 1894.

ב. פייגענבוים

נ. ב. — דעם פּראָפעסאָרס פאָררעדע קען נור אינטערעסירען דעם וואָס איז שוין בעקאנט מיט דער סאָציאליסטישער בעוועגונג. אנדערע לעזערס קענען דאָס איבערהיפּען.

# ב. פייגנבוים און די „אידיש־סאָציאַליסטישע פּאָסט פון אַמעריקע״

מיר דרוקן דאָ ב. פייגנבוימס הקדמה צו דער בראָשור „דיא סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין רוסלאַנד און די דאָרטיגע אידען״ (=„גן־עדן התחתון״) וועגן דער אויפגאַבע פון דער אַ״ג „אידיש־סאָציאַליסטישער פּאָסט פון אמעריקע קיין רוסלאַנד״ (זע אַרט׳ פון א. טשעריקאָווער, „די אָנהייבן פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין יידיש״).

ר ע ד א ק צ י ע

# א ו נ ז ע ר  א ו י פ ג א ב ע

דיא „אידיש־סאָציאַליסטישע פּאָסט פון אמעריקע קיין רוסלאַנד״ איז א נייע אָרגאַניזאַציאָן פון אידישע סאָציאַליסטען אין ניו־יאָרק, וואס האט זיך געשטעלט פאַר אויפגאַבע, צו בעזאָרגען פיר דיא סאָציאַליסטען אין רוסלאַנד און ספּעציעל אין רוסיש פּוילען סאָציאַליסטישע שריפטען אין זשארגאָן ספּעציעל צוגעפּאַסט פאַר אגיטאַציאָן צווישען דיא אידישע מאסע אין רוסלאַנד. דער הויפּטצוועק איז נישט דוקא, אז דיא אידען זאָלען דאָרט אָנטייל נעמען אין דיא סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג, נאָר וויינינגסטענס זיי זאָלען וויסען, וואָס דיא דאָרטיגע סאָציאַליסטען ווילען און דיא הערשענדע קלאַסע זאָל זיי נישט מעהר קענען איינרעדען, אז דיא רעוואָלוציאָנערע אָדער סטרייקענדע ארבעטער מיינען צו גיין אויף דעם לעבען פון דיא אידען און מאכען פּאָגראָמען געגען זיי, — וויא מען האָט זיי שוין א סך מאָל איינגערעדט. ווען מען קען דיא אידען דיעזע פאַלשקייט איינרעדען, מאכט מען זיי פאַר א גרויסע שטערונג, פאַר סקעפּס[1] אין דיא ארבייטערבעוועגונג און דערפון קומט ארויס אן אומגליק פירביידע, אי פיר דיא דאָרטיגע סאָציאַליסטישע בעוועגונג און פיר דיא דאָרטיגע ארבייטערבעוועגונג אין אלגעמיין, אי פיר די אידישע מאסע, וועלכע ווערט דאן ווירקליך פון דיא קעמפּפענדע ארבייטער בעהאנדלט וויא שונאים.

דאָס צו פערמיידען איז דער צוועק פון דיא „פּאָסט״. דיעזעס איז דיא ערשטע בראָשורע וואס זיא האט ארויסגעגעבען צו דעם צוועק און אריינטראנספּאָרטירט קיין רוסלאַנד, אין עטליכע טויזענד עקזעמפּלאַרען (אונטער אַן אנדערען פרומען נאָמען)[2], און דאָרט פערשפּרייט, דורך דיא פערמיטלונג פון דעם „אויסלענדישען פערבאנד פון פּוילישע סאָציאַליסטען״ און פון דיא „פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי״ אין רוסיש פּוילען.

ווער עס וויל מיטהעלפען אין דיעזע וויכטיגע אונטערנעהמונג, קען זיך מעלדען צום פערטרויענסמאַן פון די „פּאָסט״:

B. Feigenbaum, Fulton ave., near Pelham ave.
In Broderick's, Belmont, New York City.

---

1 שטרייקברעכערס.

2 הערש געמיינט: „דער גן־עדן התחתון״.

# פּיאָטער לאַווראָוו און די ייִדישע סאָציאַליסטן—עמיגראַנטן

(צוויי וועגדונגען פון לאַווראָוון צו די ייִדישע אַרבעטער)

פון **א. טשער**

פון אַלע רוסישע סאָציאַליסטישע טוער אין די 70ער און 80ער יאָרן איז פּיאָטער לאַווראָוו געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַן אַקטיוון אינטערעס צו דער פּראָבלעם ייִדן און סאָציאַליזם און האָט ניט אויסגעמיטן, ווי די אַנדערע, בכלל צו באַרירן די ייִדן-פראַגע. נאָך אין מיטן די 70ער יאָרן, בעת די דאָזיקע פּראָבלעם האָט זיך נאָך ניט געשטעלט אַפילו פאַר די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן גופא, האָט לאַווראָוו אין דעם אָרגאַן „וופּעריאָד״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן, דער ערשטער געגעבן פּלאַץ פאַר אַ ריי קאָרעספּאָנדענצן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, פון ליבערמאַנען און אַנדערע, וועגן די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן צווישן ייִדן, האָט אויך אָפּגעדרוקט ליבערמאַנס באַקאַנטן אויפרוף „צו דער ייִדישער יוגנט״ און אַן אַרטיקל וועגן דעם ערשטן ייִדישן סאָציאַליסטישן פאַראיין אין לאָנדאָן.[1] די גאַנצע איבעריקע רוסישע סאָציאַליסטישע פּרעסע פון יענע יאָרן און אויך שפּעטער האָט די פראַגע וועגן ייִדן בכלל און אַפילו וועגן אַרייַנציִען זיי אין דער רעוואָלוציע סיסטעמאַטיש פאַרשוויגן. נאָר בעת עס האָבן אויסגעבראָכן די פּאָגראָמען אין 1881, האָבן די אָרגאַנען „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און „ליסטאָק נאַראָדנאַי וואָלי״ אָפּגערופן זיך אין אַ ריי אַרטיקלען אויף די דאָזיקע געשעענישן, אָבער — אין זייער אַן אומפּרינציפּיעלן און אַפילו פייַנטלעכן טאָן בנוגע ייִדן. אויך אין דראַגאָמאַנאָווס אָרגאַן „וואָלנאָיע סלאָוואָ״[2] האָבן כמעט אַלע אַרטיקלען וועגן ייִדן געטראָגן אַן אָפענעם אָדער פאַרשטעלטן אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער. ערשט אין 1886 איז אינעם זשורנאַל „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָלי״, אין נומער 5, געווען אָפּגעדרוקט די ערשטע אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן ייִדן אין רוסלאַנד, זייער פּאָליטישן און עקאָנאָמישן מצב, זייערע שטימונגען און וואָס ייִדן קענען דערוואַרטן פון דער רעוואָלוציע. אָבער אָט די אויסגאַבע האָט רעדאַקטירט טאַקע לאַווראָוו, צוזאַמען מיט ל. טיכאָמיראָוון, און דער מחבר פון דעם אַרטיקל איז געווען אַ ייִד — א. רובאַנאָוויטש, וועלכער האָט זיך געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים איליאַשעוויטש.[3]

די פּראַגע וועגן דער באַציִונג פון די רוסישע (און אוקראַיִנישע) רעוואָלוציאָנערן צו די ייִדישע פּאָגראָמען אין די 80ער יאָרן איז אַ טעמע פאַר זיך, וואָס מיר קענען זי דאָ ניט באַהאַנדלען. איצט ווילן מיר נאָר אָנווייַזן, אַז אין 1882 האָט זיך פּאַוועל אַקסעלראָד אַרומגעטראָגן מיט אַ געדאַנק אָנצושרייַבן אַ בראָשור וועגן דער ייִדן-פראַגע

---

1 זע א. טשעריקאָווער, דער אָנהייב פון דער ייִדישער סאָצ׳ באַוועגונג, „היסטאָרישע שריפטן״, ב׳ 1, ז׳ 512 א״וו.

2 Вольное Слово — האָט דערשיינט אין זשענעווע, אין 1881 — 1883, אַלע צוויי וואָכן, פאַקטיש און שפּעטער אויך אָפיציעל אונטער דער רעדאַקציע פון מ. דראַגאָמאַנאָוון.

3 ג. איליאַשעוויטש: Что делать евреям в России? אין Вестник Народной Воли נו׳ 5 (1886) ז׳ 83—126. וועגן רובאַנאָוויטשן (איליאַשעוויטש) זע אין די זכרונות פון שאַרל ראַפּאָפּאָרט אין אונדזער באַנד פריער, (ווי אויך וועגן זיינע באַגעגענישן מיט לאַווראָוון אין פּאַריז).

אין פֿאַרבינדונג מיט די פּאָגראָמען און האָט זיך וועגן דעם אין אַ בריוו מיישבֿ געווען מיט לאַווראָוון, וואָס האָט דעמאָלט צײַטווײַליק געלעבט אין לאָנדאָן;[4] אין זײַן תּשובֿה האָט אים לאַווראָוו אַזוי געשריבן: „די דאָזיקע בראָשור וואָלט מען געקענט אָפּדרוקן ווי אַן אַרטיקל אין דעם זשורנאַל „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָלי" (וואָס איז דעמאָלט פּראָיעקטירט געוואָרן). „אָבער — איז מוסיף לאַווראָוו — איך מוז זיך מודה זײַן פֿאַר אײַך, אַז איך האַלט די פֿראַגע פֿאַר זייער אַ קאָמפּליצירטער, און פֿאַר דער פּאַרטיי, וואָס זוכט צו דערנענטערן זיך צום פֿאָלק [רוסישן] און אויפֿצוהייבן אים קעגן דער רעגירונג, איז זי פּראַקטיש ביז גאָר אַ שווערע. טעאָרעטיש, אויפֿן פּאַפּיר, לאָזט זיך די פֿראַגע לײַכט פֿאַרענטפֿערן, אָבער בײַ דער הערשנדיקער פֿאָלקס-לײַדנשאַפֿט [געמיינט: אַנטיסעמיטישער שטימונג] און בײַ דער נייטיקייט פֿאַר די רוסישע סאָציאַליסטן צו האָבן דאָס פֿאָלק ווי מ'קען נאָר אויף זייער צד איז עס גאָר עפּעס אַנדערש"...[5] די דאָזיקע ווערטער זאָגן עדות, אַז אַפֿילו אַזאַ מענטש ווי לאַווראָוו איז אויך אַרונטערגעפֿאַלן אונטער יענער פֿאַלשער אויסטײַטשונג פֿון דער אַנטי-ייִדישער באַוועגונג אין רוסלאַנד וואָס איז געווען אָנגענומען צווישן די רעוואָלוציאָנערן-נאַראָדניקעס. אַן אַנדער אָנגעזעענער פֿאָרשטייער פֿון דער רוסישער פּאָליטישער עמיגראַציע, פּיאָטער קראָפּאָטקין, איז מיט אַ קורצער צײַט פֿאַר דעם אַרויסגעטראָטן אין לאָנדאָן מיט אַ רעפֿעראַט קעגן די פּאָגראָמען אויף אַ מיטינג, וואָס איז פֿאַררופֿן געוואָרן פֿונעם „סלאַווישן סאָציאַליסטישן קרײַזל", צווישן וועלכן ס'זײַנען זיכער געווען ניט ווייניק ייִדן, און נאָך זײַן רעפֿעראַט איז אָנגענומען געוואָרן אַ קלאָרע רעזאָלוציע, וואָס פֿאַרמשפּט שאַרף די פּאָגראָמען; קיין פּרטים וועגן דעם דאָזיקן רעפֿעראַט זײַנען אָבער צום באַדויערן ניט פֿאַראַן.[6]

פֿון דעסט וועגן איז גאָר קיין ספֿק ניט, אַז לאַווראָוו האָט מער ווי אַלע אַנדערע רוס'שע סאָציאַליסטישע פֿירער שטענדיק אַרויסגעוויזן אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו דער ייִדן-פֿראַגע און האָט פֿון די ערשטע געשטעלט די פּראָבלעם ייִדן און סאָציאַליזם. די ווײַטערדיקע צוויי שריפֿטן, וואָס מיר דרוקן דאָ, אילוסטרירן צום בולטסטן זײַן שטאַנד-פּונקט אין דער פֿראַגע. די ערשטע איז אַ „רעדע צו די ייִדישע אַרבעטער", וואָס ער האָט געהאַלטן אין פּאַריז דעם 1טן מאַי 1886 אינעם ייִדישן אַרבעטער-פֿאַראיין; די צווייטע איז זײַנער אַ בריוו צו די אַרויסגעבער פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער צײַטונג אין לאָנדאָן „דער וועקער", אין 1892.

די „רעדע צו די ייִדישע אַרבעטער" איז געהאַלטן געוואָרן אויף אַ פֿײַערלעכער פֿאַרזאַמלונג פֿונעם דערמאָנטן פֿאַראיין צום דריטן יאָרטאָג פֿון זײַן גרינדונג. דער פֿאַראיין — אָדער ווי ער האָט זיך גערופֿן לויטן רוסישן נאָמען Еврейское рабочее общество — איז געגרינדעט געוואָרן אין אַפּריל 1883 פֿון אַ גרופּע ייִדישע אַרבעטער-עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד (און פּוילן) מיטן צוועק פֿון קעגנזײַטיקער הילף אין פֿאַל פֿון אַרבעטלאָזיקייט און קראַנקייט. אָבער די אינטעליגענטן, פּאָליטישע עמיגראַנטן און

---

[4] לאַווראָוו איז, ווי באַקאַנט, אין פֿעברואַר 1882 אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון פּאַריז און איז אַריבער-געפֿאָרן קיין לאָנדאָן; אָבער אין מאַי דאָס יאָר האָט ער זיך צוריק אומגעקערט קיין פּאַריז, וווּ ער האָט געלעבט אונטערן נאָמען קראַנץ. ער איז שוין פֿאַרבליבן אין פּאַריז ביז זײַן טויט (יאַנואַר 1900).

[5] לאַווראָווס בריוו, פֿונעם 11טן אַפּריל 1882, איז אָפּגעדרוקט אינעם בוך Из архива П. Б. Аксельрода (בערלין 1924, ב' 2: „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער רוס' רעוו' באַוועגונג"), ז' 30. אַקסעלראָדס חבֿרים פֿון „טשאָרני פּערעדעל", אַפֿילו די ייִדישע, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קאַטעגאָריש קעגן זײַן בראָשור אויף אַזאַ טעמע, און ער האָט זיך סוף כּל סוף פֿון איר אָפּגעזאָגט; אומפֿאַרענדיקט איז זי געבליבן ליגן אין זײַן אַרכיוו און איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן ערשט אין 42 יאָר אַרום! זע דאָרטן, ז' 215 א"וו.

[6] וועגן דעם ווערט נאָר דערציילט אין אַ נאָטיץ אין Вольное Слово נו' 28, פֿון אָנהייב 1882, מיט אַ צושריפֿט פֿון דראַגאָמאַנאָוון. אין דער ייִדישער פּרעסע איז אונדז ניט באַקאַנט קיין אָנווײַז אויף דעם מיטינג.

# פעטער לאַווראָוו

און דיא

# יידישע ארבייטער.

געשפראכען אין דער רוססיש-אידישען ארבייטער
פערזאממלונג אין פאריז, 1 מאי 1886.

(פריי איבערזעצט אויס דעם רוססישען.)

—•◊•—

LONDON.
Wernik & Solotkoff, Printers,
5, Lower Chapman St., Cannon St. Rd., E.
1887.

(צום ארט׳ „פיאָטער לאַווראָוו און די ייִדישע
עמיגראַנטן-סאָציאַליסטן״)

א בריוו פון מאָסקווער רבֿ חיים בערלין צו ייִדישע פּאָליטישע פאַרשיקטע
אין ארכאַנגעלסקער גוב׳ (1879)

סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געהאָלפֿן גרינדן און אַנטוויקלען דעם פֿאַראיין, יעקבֿ ראָמבראָ (פֿיליפּ קראַנץ), א. רובאַנאָוויטש, אָסיפּ צעטקין[7] און די אַנדערע, האָבן געזוכט צו מאַכן פֿון אים אַ בילדונגס-פֿאַראיין און האָבן געפֿירט דאָרט אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. יעדע וואָך פֿלעגן דאָרטן געהאַלטן ווערן לעקציעס און רעפֿעראַטן אויף פֿאַרשיידענע פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע טעמעס. אָנגעהויבן האָט דער פֿאַראיין מיט 12 מיטגלידער און אין פֿינף חדשים אַרום האָט ער שוין געציילט ביז 40. ניט געקוקט דערויף, וואָס די גרעסטע מערהייט זײַנען געווען פּשוטע אַרבעטער, ווי ס׳איז בײַם גרינדן בפֿירוש פֿאָרויסגעזען אין די סטאַטוטן פֿון פֿאַראיין,[8] האָט מען אויף די פֿאַרזאַמלונגען געהאַלטן לעקציעס און רעדעס אין רוסיש.[9] די פֿאַרזאַמלונגען פֿון פֿאַראיין פֿלעגן פֿאָרקומען אין קאַפֿע „טרעזאָר", אין צענטער פֿונעם ייִדישן עמיגראַנטישן קוואַרטאַל, אויפֿן אַזוי גערופֿענעם „פּלעצל". אינעם זעלביקן קאַפֿע פֿלעגט זיך פֿאַרזאַמלען אויך דער רוסישער אַרבעטער-פֿאַראיין, וואָס איז אויך באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פֿון ייִדן, און שפּעטער אין דעם זעלביקן יאָר 1886 האָט זיך דער ייִדישער פֿאַראיין סוף כּל סוף צונויפֿגעגאָסן מיטן רוסישן.[10]

אויף דער פֿײַערלעכער פֿאַרזאַמלונג דעם 1טן מאַי 1886 איז לאַווראָוו, וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן פֿאַרן פֿאָרזיצער, אַרויסגעטראָטן אינעם ייִדישן פֿאַראיין מיט אַ לענגערער רעדע צו די אַרבעטער וועגן דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער פֿאַראיין עקסיסטירט שוין דרײַ יאָר, און דערבײַ מוסיף געווען: „פֿאַר אַ רוסישער און בכלל סלאַווישער [?] געזעלשאַפֿט איז דאָס זייער אַ סך". די דאָזיקע אַרויסטרעטונג פֿון לאַווראָוון האָט אַרויסגערופֿן אַ ספּעציעלן אינטערעס אין די רוסישע פּאָליציייִשע קרײַזן. די רוסישע „אָכראַנע" אין אויסלאַנד, וואָס איר צענטער איז געווען אין פּאַריז און איז ערשט איבערגענומען געוואָרן פֿונעם שפּעטער באַרימט געוואָרענעם פּ. ראַטשקאָווסקי, האָט צוגעשיקט וועגן דעם אַ ראַפּאָרט צום פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג, בזה הלשון: „דעם 5טן פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם מאַי[11] איז אין פּאַריז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון רוסישע אַרבעטער–ייִדן, צו וועלכער ס׳איז געווען פֿאַרבעטן ווי אַ פֿאָרזיצער דער באַוווּסטער עמיגראַנט פּיאָטער לאַווראָוו. אויף דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג האָט לאַווראָוו געהאַלטן אַ רעדע, וואָס איז דערנאָך העקטאָגראַפֿירט געוואָרן און פֿונאַנדערגעשיקט דורך פּאָסט אין די רעדאַקציעס פֿון אייניקע צײַטונגען. אַ קאָפּיע ווערט דערבײַ צוגעלייגט". דער פּעטערבורגער פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט האָט געהאַלטן דעם ענין פֿאַר אַזוי וויכטיק, אַז ער האָט לאַווראָווס רעדע אַפֿילו צוגעשטעלט

---

7 וועגן אָסיפּ צעטקין, וואָס האָט געשטאַמט פֿון אָדעס (שפּעטער דער מאַן פֿון קלאַראַ צעטקין), זע די זכרונות פֿון שאַרל ראַפּאָפּאָרט אין דעם באַנד; אַ פּאָר ווערטער וועגן אים געפֿינען מיר אויך בײַ ה. בורגין, די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג (ניו-יאָרק 1915), ז׳ 35.

8 וועגן דער גרינדונג פֿון פֿאַראיין האָט אַ גאַנץ אויספֿירלעכע קאָרעספּאָנדענץ אָפּגעדרוקט יעקבֿ ראָמבראָ (פֿיליפּ קראַנץ) אין Недельная Хроника Восхода 1883, נו׳ 40; שפּעטער אויך אין נו׳ 43.

9 זע ש. פֿרידמאַן (שײקאָווסקי), עטיודן צו דער געשיכטע פֿון אײַנגעוואַנדערטן ייִדישן ייִשוב אין פֿראַנקרײַך, ב׳ 1 (פּאַריז 1936), ז׳ 104.

10 ש. פֿרידמאַן (שײקאָווסקי), דצ״ו, ז׳ 105 א״ו. דער מחבר רופֿט אָן דעם רוסישן אַרבעטער-פֿאַראיין מיטן נאָמען „סאָיוז רוסקיך ראַבאָטשיך", אָבער זײַן אָפֿיציעלער נאָמען איז געווען: Русское рабочее общество (רוסישע אַרבעטער-געזעלשאַפֿט)—דאָס זעט מען קלאָר פֿונעם שער אויף לאַווראָווס בראָשור אין רוסיש „נאַציאָנאַליטעט און סאָציאַליזם", וואָס דער פֿאַראיין האָט אַרויסגעגעבן (זע ווײַטער), אָבער אין אומגאַנג האָט ער זיך מסתּמא גערופֿן „סאָיוז" אאַז״וו.

11 אַ טעות פֿון דעם פּאָליציי-אינפֿאָרמאַטאָר: די רעדע איז, ווי מיר ווייסן, געהאַלטן געוואָרן דעם 1טן מאַי.

אַלעקסאַנדער דעם דריטן, וועלכער האָט זי קענטיק אויפמערקזאַם דורכגעלייענט. מיט יאָרן שפּעטער, נאָך דער רעוואָלוציע, האָט מען די דאָזיקע קאָפּיע געפונען אין די פּאָליציי-אַרכיוון און אין 1926 איז זי פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון ר. קאַנטאָרן אין אַ רוסיש-ייִדישן זאַמלבוך.[12]

אין זײַן קורצן אַרײַנפיר צום דאָקומענט שרײַבט ר. קאַנטאָר, אַז לאַוראָווס רעדע וועט צום ערשטן מאָל פּובליקירט: אים איז געבליבן אומבאַקאַנט, אַז כמעט מיט 50 יאָר פאַר דעם איז אַרויס אין לאָנדאָן אַ בראָשור מיט דער ייִדישער איבערזעצונג פון דער רעדע, וואָס מיר דרוקן דאָ איבער. דער איבערזעצער האָט געוויס געהאַט פאַר די אויגן דעם העקטאָגראַפירטן רוסישן טעקסט, האָט אָבער איבערגעזעצט פרײַ און אויך אַ ביסל אויספירלעכער ווי דער טעקסט, וואָס ר. קאַנטאָר ברענגט, און נאָך צוגעגעבן אַ הקדמה פון זיך. די בראָשור איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1887 אין לאָנדאָן, אין זאַלאַטקאָווס דרוקערײַ, ווו ס'האָט זיך אויך געדרוקט דער „אַרבייטער פריינד". לאָנדאָן איז דעמאָלט געווען אַ וויכטיקער ייִדישער אימיגראַנטן-צענטער, מיט אַ גאַנץ ברייטער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג, און לאַוראָווס נאָמען איז דאָ געווען גוט באַקאַנט; חוץ דעם האָט פּאַריז דעמאָלט נאָך קיין דרוקערײַ מיט ייִדישן זאַץ ניט פאַרמאָגט. די דאָזיקע בראָשור איז די צווייטע ייִדישע סאָציאַליסטישע בראָשור נאָך ווינטשעווסקיס „יהי אור" און זײַנע „פּאָלקס-געדיכטע" (1885), און דערמיט אַליין איז זי שוין וויכטיק. אין 1887 האָט ווינטשעווסקי אָפּגעדרוקט אין „אַרבייטער פריינד" אַן אַרטיקל וועגן דער דאָזיקער רעדע צו די ייִדישע אַרבעטער און געלויבט לאַווראָוון פאַר זײַן „איידעלן כאַראַקטער".[13]

ווער איז געווען דער איבערזעצער, איז ניט באַקאַנט; עס האָט געקענט זײַן עמעצער פון די לאָנדאָנער ייִדיש שרײַבנדיקע סאָציאַליסטישע טוער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם „אַרבייטער פריינד", עס האָט אָבער אויך געקענט זײַן עמעצער פון די פּאַריזער. אַז מען לייענט די איבערזעצונג זעט מען קלאָר, אַז איר מחבר האָט גוט געקענט העברעיִש און האָט זיך אויסגעהאָלפן מיט העברעיִשע אויסדרוקן, ווי למשל: דעתנים, סבלנות, אמונה בקבלה, משׂא ומתּן, דרך הטבע, משיח פון הכנעה, מקוים ווערן, נתן החכם; דאָס וואָרט אינטעליגענץ דערקלערט ער אין קלאַמערן: משׂכּילים. כאַראַקטעריסטיש איז אַגבֿ, אַז רוסיציזמען פעלן דאָ אין גאַנצן און אויך פראַנצייזישע אָדער ענגלישע אומגאַנגווערטער, דערפאַר ווערן דאָ באַנוצט אַ היפּשע צאָל דײַטשמעריזמען, אינעם גײַסט פון דעם ייִדיש אין יענע צײַטן און אין יענעם קרײַז; אין אַלגעמיין איז דאָס ייִדיש אַ גוטס. צווישן דער לאָנדאָנער גרופּע ייִדישע סאָציאַליסטישע שרײַבער האָט אַזוי ייִדיש, מיט אַזעלכע העברעיִשע אויסדרוקן, געקענט שרײַבן נאָר ווינטשעווסקי,[14] אָבער דאָס איז פאָרט ניט ווינטשעווסקיס ליטעראַטור, כמעט פעליעטאָניסטישער סטיל. אין פּאַריז, ווי מיר זײַנען זיך משער, האָבן אַזאַ שפּראַך דעמאָלט געקענט שרײַבן נאָר צוויי פון די פּאָליטישע עמיגראַנטן: אָדער לעאָן ראַבינאָוויטש, אָדער יוסף יאַפּפּאַ—ביידע געוועזענע ישיבֿה-בחורים און משׂכּילים, וואָס זײַנען שפּעטער געוואָרן סאָציאַליסטן, ריכטיקער — אַנאַרכיסטן, און האָבן ביידע צו יענער צײַט געלעבט אין פּאַריז און פלעגן אַרויפקומען אין פּאַראיין אָדער געווען מיטגלידער פון אים.[15] לעאָן ראַבינאָוויטש האָט דעמאָלט שטודירט אין פּאַריז,

---

12 אין Еврейская Летопись ב' 4 (לענינגראַד 1926), ז' 137—140.

13 זע אַרט' פון קלמן מרמר וועגן ווינטשעווסקין אין דער ניו-יאָרקער צײַטונג „פרײַהײַט", פונעם 6 נאָוועמבער 1928.

14 פיליפּ קראַנץ האָט געוויס אַזוי ניט געקענט שרײַבן און האָט דעמאָלט בכלל שלעכט געקענט ייִדיש, און ב. פײַגענבוים, וואָס האָט געשריבן אין אַ משׂכּילישן סטיל, איז געקומען קיין לאָנדאָן ערשט אין 1888.

15 אין פּאַריז האָט געלעבט אויך מ. באַראַנאָוו, אָבער ער האָט נאָך דעמאָלט בכלל קיין ייִדיש ניט געקענט.

און הגם ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַן אַנאַרכיסט, פֿלעגט ער אַרויסטרעטן אין זײַנע רעדעס פֿאַר „חיבת-ציון“; מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער אַריבערגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג און נאָך צעדערבוימס טויט געוואָרן רעדאַקטאָר פֿון „המליץ“; ער איז געווען אַ הייסער העברעיִסט, אָבער בעת עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די ייִדישע זשורנאַליסטיק, האָט ער אויך געשריבן אַ סך אין ייִדיש.[16] ניט אַן ערך ערנסטער פֿון אים איז געווען י. יאַפּפּאַ, איינער פֿון די פּיאָניערן פֿון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג צווישן ייִדן, שפּעטער דער מחבר פֿון אַ גאַנצער ריי אַרטיקלען און איבערזעצונגען אין ייִדיש. צום מאָמענט, ווען ס׳איז אַרויס לאַווראָס רעדע אין רוסיש, איז ער נאָך געווען אין פּאַריז, אַ ביסל שפּעטער פֿאָרט ער אַריבער קיין לאָנדאָן, ווו ער ווערט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון „אַרבייטער פֿריינד“, און שפּעטער באַזעצט ער זיך אין ניו-יאָרק.[17]

די צווייטע שריפֿט, וואָס מיר דרוקן דאָ, איז אַן אָפֿענער בריוו פֿון לאַווראָוון צו די רעדאַקטאָרן פֿון דעם לאָנדאָנער „וועקער“. „דער וועקער“ איז געווען אַ ייִדיש סאָציאַל-דעמאָקראַטיש וואָכנבלאַט, געגרינדעט אין 1892 פֿון לאָנדאָנער „סאָציאַליסטישן אַרבעטער-פֿאַראיין“, וועלכער האָט געפֿירט אַ קאַמף מיט די אַנאַרכיסטן; פֿאַר אַ רעדאַקטאָר איז באַשטימט געוואָרן מ. באַראַנאָוו, וואָס האָט פֿאַרבראַכט עטלעכע יאָר אין פּאַריז און איז געווען גוט באַקאַנט מיט לאַווראָוון. ער איז איצט ספּעציעל אַראָפּגעקומען קיין פּאַריז, כּדי דאָרטן צו זאַמלען אַ פֿאָנד פֿאַר אַרויסגעבן די דערמאָנטע צײַטונג,[18] און האָט זיך משמעות דאָ געווענדט צו לאַווראָוון מיט אַ בקשה וועגן אַ באַגריסונג-בריוו פֿאַרן נײַעם אָרגאַן, אויף וואָס לאַווראָוו האָט מסכּים געווען. ניט האָבנדיק אונטער דער האַנט דעם „וועקער“,[19] האָבן מיר אויך ניט די ייִדישע איבערזעצונג פֿונעם אָפּגעדרוקטן בריוו (מ׳דאַרף זיך משער זײַן, אַז דער בריוו איז באַלד אָפּגעדרוקט געוואָרן, מסתּמא אינעם ערשטן נומער). אָבער מיט צוויי יאָר שפּעטער איז דער דאָזיקער בריוו אַרויס, אין זײַן אָריגינאַל, אין אַ רוסישער סאָציאַליסטישער אויסגאַבע, אונטערן נאָמען „די ייִדישע פֿראַגע און דער סאָציאַליזם“, און פֿון אָט דעם רוסישן אָריגינאַל זעצן מיר אים דאָ איבער.

אין יסוד פֿונעם דאָזיקן בריוו ליגן די זעלביקע גרונדגעדאַנקען, ווי אין דער רעדע פֿון 1886: אַז ייִדן דאַרפֿן אויך אַרײַנגעצויגן ווערן אינעם אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישן קאַמף, אַז די היסטאָרישע לײַדן פֿונעם ייִדישן פֿאָלק מאַכן דאָס מסוגל אויפֿצונעמען די סאָציאַליסטישע טעאָריע און דאַרפֿן די אַמאָליקע אמונה אינעם טראַדיציאָנעלן משיח פֿאַרבײַטן מיט דער אמונה אינעם משיח פֿון סאָציאַליזם, וכדומה. אָבער אין פֿאַרגלײַך מיט יענער רעדע ווערט דאָ בולט דורכגעפֿירט דער געדאַנק פֿון אַסימילאַציע און שטרענג געוואָרנט קעגן נאַציאָנאַליזם: אַז פֿאַר אַ ייִדן אַ סאָציאַליסט טאָר ניט עקסיסטירן „יענער חילוק אין דעם שטייגער און די געוווינהייטן, וואָס די טראַדיציע האָט געשאַפֿן צווישן די איינצלנע פֿעלקער“, אַז אַלע אַרבעטער אין איין לאַנד „דאַרפֿן אַרומגענומען ווערן פֿון איין פּראָפּאַגאַנדע-שטראָם... אויף איין און דער זעלביקער שפּראַך“ (פֿון לאַנד) און אַז די פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדישע עמיגראַנטן קען נאָר „ביז אַ געוויסער צײַט“ געפֿירט ווערן אין ייִדיש: ביז זיי וועלן זיך אויסלערנען צו פֿאַרשטיין „די הערשנדיקע

---

[16] זע וועגן אים די בלעטלעך זכרונות פֿון שמואל ראַבינאָוויטש אין דעם באַנד, פֿריִער; זע אויך זלמן רייזען, לעקסיקאָן, ב׳ A, ז׳ 43.

[17] ה. בורגין, דצ״ה, ז׳ 49 א״וו; ז. רייזען, לעקסיקאָן, ב׳ 1, ז׳ 122 א״וו.

[18] וועגן „וועקער“ זע ה. בורגין, ז׳ 244—245.

[19] „דער וועקער“ האָט עקסיסטירט אין גאַנצן אַ 3 חדשים; געפֿינען איצט אַ קאָמפּלעקט פֿון דער צײַטונג איז זייער שווער.

שפּראַך פון לאַנד". די דאָזיקע געדאַנקען פעלן להלוטין אין לאַווראָווס רעדע פון 1886 און געפינען זיך אין פולן הסכם מיט דער אידעאָלאָגיע פון די „ייִדיש-שפּרעכנדיקע" סאָציאַליסטן אין יענער צײַט אין די אימיגראַציע-לענדער. מיר ווילן נאָך אָנווײַזן, אַז אינעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל פון איליאַשעוויטש—רובאַנאָוויטש, וואָס איז געדרוקט אין „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָלי", רעדאַקטירט פונעם זעלביקן לאַווראָוו, הערן מיר גאָר אַנדערע ווערטער: „די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע יוגנט גופא — שרײַבט דער מחבר — צי האָט זי ניט צו פיל איגנאָרירט דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט? צי האָט זי ניט איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט די קאָלאָסאַלע מאַסע לײַדנדיקע (ייִדן), וועהין נאָר די ייִדישע אינטעליגענץ קען אַ דאַנק די היסטאָרישע סיבות אַרײַנברענגען דעם גײַסט פון אָרגאַניזאַציע און קאַמף? צי איז דעריבער ניט דער ספּעציעלער חוב פון דער ייִדישער אינטעליגענץ צו פאַרנעמען זיך מיט אָרגאַניזירן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט?... אין דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט צווישן זייער פאָלק, אין שטרענגער פאַרבינדונג מיטן אַלגעמיינעם גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלן די ייִדן-רעוואָלוציאָנערן געפינען אַן אויסגאַנג פאַר זייער ענערגיע... און אויך אַ באַפרידיקונג פאַר זייער פּאַטריאָטישן [געמיינט: נאַציאָנאַלן] געפיל, וואָס דערלאָזט זיי ניט צו פאַרבלײַבן מיט פאַרשטאָפּטע אויערן צו די לײַדן פון זייער פאָלק".[20] עס איז גענוג צו פאַרגלײַכן די דאָזיקע ווערטער, געשריבן פון אַ סאָציאַליסטישן טוער אַ ייִדן, וואָס האָט אַליין אויך ניט געהערט צו די נאַציאָנאַליסטן און איז געשטאַנען און פאַרבליבן זײַן גאַנץ לעבן ווײַט פון ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעט, מיט דער קאָסמאָפּאָליטיש-אַסימילאַטאָרישער פּראָפּאַגאַנדע פון לאַווראָוון, בכדי צו זען דעם גרויסן אונטערשייד.

דעם 16טן אָקטאָבער 1886 האָט לאַווראָוו געהאַלטן אין פּאַריז נאָך אַ לעקציע, (חוץ דער דערמאָנטער, אין מאַי דעם זעלביקן יאָר, אין ייִדישן אַרבעטער-פאַראיין), אָבער דאָס מאָל שוין אינעם רוסישן אַרבעטער-פאַראיין, דאָס מיינט פּאַקטיש ווידער פאַר ייִדישע אַרבעטער; מיגלעך, אַז צו יענער צײַט האָבן זיך שוין די ביידע פאַראיינען צונויפגעגאָסן. די לעקציע — „נאַציאָנאַליטעט און סאָציאַליזם" — איז אַ ריין טעאָרעטישע און וועגן ייִדן ווערט דאָ גאָר ניט גערעדט, אָבער מיר געפינען אין איר אַ פּאָר ערטער אַקטועלע אויך פאַר די ייִדישע סאָציאַליסטן. „אַן איבערצײַגטער סאָציאַליסט — שרײַבט לאַווראָוו — איז אין דער אמתן אַ געטרײַער נאַציאָנאַליסט. ער שטרעבט אַרײַנצופירן די מענטשן פון זײַן נאַציע ווי צום בעסטן אין דער אַרבעט פון די סאָציאַליסטישע אידעען, אויסקעמפן זיך דעם פאָדערשטן פּלאַץ אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַנטוויקלען אין איר אַ סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און אַ סאָציאַליסטישע טעטיקייט, וואָס די קומענדיקע סאָציאַליסטן-זיגערס פון אַלע נאַציעס וועלן קענען אויף זיי קוקן מיט שטאָלץ, בעת דער דאָזיקער אונטערשייד צווישן מענטשן וועט אין איינעם מיט אַלע אַנדערע פאַרגעסן ווערן".[21] „דער קאָסמאָפּאָליטיזם, דערקלערט ער אין אַן אַנדער אָרט פון זײַן לעקציע, באַטײַט פאַרגעסן דעם אונטערשייד, וואָס עקסיסטירט צווישן נאַציעס, מיט זייערע געירשנטע געוווינהייטן פון דענקען און שטייגער לעבן; דאָס באַטײַט אָפּלייקענען אַ רעאַלן פאַקט, וואָס קען פאַרשאַפן עגמת-נפש אָדער פרייד, אָבער וואָס מיט אים מוז מען זיך רעכענען".[22] אין זײַן בריוו צו די ייִדישע סאָציאַליסטן פון „וועקער" האָט לאַווראָוו אַליין פאַרגעסן דאָס, וואָס ער האָט אַזוי קלאָר דעפינירט מיט זעקס יאָר פריִער...

---

20 Вестник Народной Воли נומ' 5 (1886), 124—125.

21 זע די בראָש' Национальность и социализм, זשענעווע 1887, ז' 16.

22 דאָרטן, ז' 4—5 (פ"גל די זכרונות פון ש. ראַבינאָוויטש וועגן דער לעקציע).

# פעטער לאַווראוו
## אן דיא
## יידישע ארבייטער.

נעשפראכין אין דער רוססיש—אידישען ארבייטער
פערזאממלונג אין פאריז, 1 מאי 1886.
(פריי איבערזעצט אויס דעם רוססישען).

---

London
Wernik & Solotkoff, Printers,
5, Lower Chapman St., Cannon St. Rd., E.
1887*

### נור אפאאר ווערטער.

פריינדע!

אין דיזע איינינע בלאַטליך געפינט איהר א קורצע רעדע, וועלכע דער גרויסער דיינקער און סאָציאליסט, פעטער לאווראָוו, האט גיהאלטען אין דעם רוססיש-אידישען ארבייטער-פעראיין אין פאריז, שבת, 1 מאי 1886 ווען דער לעצטערע האט געפייערט זיינע דריי-יאָהריגע עקסיסטענץ. דיא רעדע איז, וויא גיזאגט, א קורצע, אבער אין איהר געפינט איהר אלץ וואָס איהר האט נייטיג צו וויססען: אייער בערוף פ״ר דיא געגענווארט, אייער האָפנונג פיר די צוקונפט, אייער פפליכט אלס ארבייטער איבערהויפט און אלס אידישע ארבייטער אים בעזאנדערן. לערנט דיזע רעדע אויסוויינינ, ווייל זיא בריינגט אייך א גרויסעס, א טהייערעס וואָרט, א ברודער-וואָרט פון א גרויססען אלטען מאן, וועלכין מען קען גאר אָהן א ספק בעטראכטען אלס א וואהרען פערטרעטער דער רוססישען אינטעליגענץ (משכילים). ווען עס דערעססין אייך דיא פאָרווירפע פון אייערע אידישע געגנער, וועלכע מיינען אז א איד דארף ניט קאמפפין פאר דיא וואהרהייט וויא אלע אנדערע מענשין — לייענט זיי פאָר דיזעס ברודער-וואָרט און זיי וועלן ענטשווינען ווערן. אין דיזער רעדע געפינט איר דעם פונקט, וואו איהר הערט אויף צו זיין פערהאססטע און פערפאלגטע יודען — פראָלעטאריער און הויבט אן צו זיין גלייכבארעכטיגטע, בראווע און געעהרטע מיטגלידער פון דער גאנצין מענשליכן גיזעלשאפט.

דער איבערזעטצער.

## פעטער לאווראוו
## אן דיא יידישע ארבייטער.

---

פעטער לאַווראָוו האט ערעפנעט דיא זיטצונג מיט פאָלגענדער אנשפראכע:

„ווייל דיא רוססיש-אידישע ארבייטער-פארזאממלונג האט מיר דיא עהרע ערוויזען און מיך צום פרעזידענטען געוועהלט, זא ערלויבע איך מיר צו דיא פערזאממעלטע איינינע ווערטער צו זאגין:

---

* אַן עקזעמפּלאַר פֿון דער זעלטענער בראָשור געפֿינט זיך אין ביבליאָטעק פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע (ביבליאָטעק-נומער 12326), און פֿון דעם עקזעמפּלאַר דרוקן מיר זי דאָ איבער.

די בראָשור האָלט 16 זײַטן, די גרייס 12×9,5 צמ. די הקדמה („נור א פאאר ווערטער") הייבט זיך אָן פֿון ז׳ 3 און איז געדרוקט מיט פעטיט, די רעדע גופֿא פֿון ז׳ 5, אָבער פּאַגינירט ווערט ערשט פֿון ז׳ 6.

מיר דרוקן די בראָשור מיט דער אָרטאָגראַפֿיע פֿונעם אָריגינאַל. די פּאָר הערות אונטן ווי אויך די אויסבעסערונגען פֿון אייניקע דרוקפֿעלערן אין עקיקע קלאַמערן אין טעקסט געהערן אונדז; די ווערטער אין קײַלעכדיקע קלאַמערן געהערן דעם איבערזעצער.

רעדאַקציע

אייער גרופפע עקזיסטירט שוין דרייא יאהר. פאַר א רוססישען, אדער איבערהויפט פאַר א סלאווישען פעראיין איז דאס שוין צו פיל, און מיר שיינט, אז אין דעם פאקט איז לייכט צו דערקענען דיא שפור (סליעד) פון יענע עקשנות און שטאנדהאפטיגקייט, דורך וועלכע דיא אידישע נאציאן האט זיך אימר אויסגעצייכענט. און באמת צו זאגען, וויא מען זאל ניט קוקין אויף אידין, וועלכע מעלות אדער חסרונות מען זאל זיי ניט צושרייבין—דאס מוז מען מודה זיין, אז זייא זיינען מערקווירדיגע דעתנים,* מערקווירדיג בעהארליך און שטאַנדהאפט.

דיא פארצייטיגע אידין האט מען אוועקגעשלעפט אין גלות בבל. דיא גרעסטע ציוויליזאציאן פון דער פארצייטיגין וועלט, — די גריכישע — האט זיי גיוועלט ארייננציהען אין זיך; דאס גוואלטיגע רייך פון דיא רעמער (מלכות רומא), מיט זייערע קיסרים, געגען וועלכע קיין לאנד און קיין קעניגרייך אין דער וועלט האט ניט גיקענט איינשטעהן, האט זיי גיוועלט דערשטיקן; מען האט פון זיי גערויבט זייער פאטערלאנד, זייער זעלבסטשטענדיגקייט. דיא שפעטערע אידען האבין זיך צושפרייט אין אראפא, אזיא און אפריקא, אומעטום גיטריבען, געהאסט, פערפאלגט. עס איז, כמעט ניטא א לאנד וואס זאל זיי ניט האבין אונטערדריקקט; עס איז כמעט ניטא א פאלק, וואס האט ניט רויטגיפארבט זיינע הענד פון זייער בלוט.

און נאך דעם אללעם זיינען זייא דאך בעשטאנען פיר זיך, און נאך אזוי בעשטאנען, אז איצטער אין 19-טען יאהרהונדערט, נאך טויזינדיעהריגע רדיפות און פערפאלגונגען, רעכינט מען זיי גיפעהרליך פאַר גאנצע פעלקער, וועלכע שטעהען אויף דער העכסטען שטופפע פון בילדונג, פון קונסט, פון האנדיל און פון פראדוקציאן. מען האלט זיי גיפעהרליך פאר אזעלכע לענדער, וואס האבין דיא גרעסטע ארמעען, די שטארקסטע פאליטישע איינריכטונגען. געגין זייא ווערין גישלאססין אנטיסעמיטישע פעראיינען; געגין זיי שרייבט מען רשעות'דיגע פאסקווילין, פאמפלעטין, ביכלאך און גאנץ דיקע ביכער, און זאגאר נאך אפילו אין פראנקרייך, וואו דיא גרויסע רעוואלוציאן (1789) האט זיי שוין לאנג אנערקאננט אלס גלייכבערעכטיגטע בירגער. נאך היינט זיינען מיר ארייננעפאללין אין האנד איינינע צייטונגען וועלכע ברייגגען פון פערשידענע זייטען דיא שרעקאוויסרופע „גיוואלט, דער איד איז אומעטום! גוואלט, דער איד האט אונז פיינט!"

רעטזעלהאפט און זאנדערבאר איז פאר א נאכפארשער דיזער האסס וועלכע עקזיסטירט אונאויפהערליך איבעראלל. רעטזעלהאפט איז אויך דיא סבלנות, די בעהארדליכקייט, וועלכע האט דיא אידען ערלויבט דיזע אללע פערפאלגונגען איבערצוטראגין. איבער דעם ערשטין, ד. ה. איבער דעם האסס צו דיא אידען, וויל איך דא פיעל ניט ריידין. איך וויל מיך נאר בענוגענען מיט א קורצע בעמערקונג. דער האסס צו א גאנצע ראססע (שבט), צו א גאציין [נאַציון] פאלק, איז אימער איין אומגירעכטער האסס, וואס קומט ארויס פון פאלשע מיינונגען, פון פאלשע פארשטעללונגען (אילוזיאנען). נור איינציגע פערזענליכקייטען קען מען ליבען אדער האססען. אין אללע אומות, אין אללע פעלקער זיינען דא פערזאנען וואס זיינען ווערט געליעבט צו ווערין, און אזעלכע וואס פארדינען האסס און פעראכטונג. יעדער מענש וואס האט שוין אויף דער וועלט אביסל געלעבט און בעאבאכטעט וועט מיר געוויס מודה זיין אין מיין ערפאהרונג, וועלכע איך פערזענליך האב גימאכט, נעמליך, דאס צווישן אידען גיבט עס פיל פערזאנען, וועלכע זיינע[ן] פייהיג אין אונז אויף צו וועקין דיא ווארמסטע פריינדשאפט און צוניינגונג. דער גרעסטער בעל-שכל וועלכין איך האב אין מיינעם לעבין געקאננט, איז גיוועזין א איד,** און זיין נאמען איז גאר איבעריג צו דער מאננען אין א סאציאליסטישע פערזאממלונג. איך וויל אבער איצטער ריידין איבער יענע אורזאכען, וועלכע האבין דיא אידען געמאכט פאר אזעלכע סבלנים, פאר אזעלכע דעתנים, און וועלכע האבען זיי גיגעבין דיא מעגליכקייט צו שפילען ביז אויף היינטיגען טאג דיא גרויסע ראלע, וואס זייא פיהרן איצטער אין דער געגינווערטיגין גיזעללשאפט.

---

* שטאַנדהאַפטע, פעסטע.

** געמיינט — קאַרל מאַרקס.

איך וויל אייערע אויפמערקזאַמקייט ארויפפיהרען אויף צווי פונקטען: (גאר פארצייטין האט יעדעס פאלק גילעבט אין אחדות, ווייל ער איז געוועזן פעראייניגט דורך זיינע נאציאנאַליטעט און דורך זיינע רעליגיאָן. דיא אידען זיינען אויך געוועזן אזוי פעראייניגט. ווען אבער דיא פעלקער האבין דורך מלחמות און נאך אנדערע אורזאכען זיך אנגיפאנגען צו פערמישען איינער מיט דעם אנדערן און זייערע רעליגיאנען האבין זיך אויך אנגיפאַנגען אומצובילדען, דאן איז זייער אחדות גיווארן אלץ שוואכער און שוואכער). און אינמיטען איינער וועלט, וועלכע האט שוין לאנג פערלארן איהרע אלטע, פארצייטיגע אחדות, און האט נאך קיין נייע ניט בעשאפען, האבין דיא אידען אויפבעוואהרט יענע נאציאנאל-רעליגיעזע אחדות, וואס האט פריהער שטארק צוזאממענגעהאלטען אללע פארצייטיגע פעלקער. בשעת דיא קריסטען און דיא מאהמעדאנער האבין זיך מיט א מאל פאנאנדער גיטהיילט און זיינען גיווארן פיינדליכע מלוכות און פיינדליכע נאציאנען און יעדערע פון זיי האט פראקלאמירט איהר רעליגיאן אלס וועלטרעליגיאן (ד. ה. האט גיוועלט, אז דיא גאנצע וועלט זאל איהר אננעהמען) אין דערזעלבין צייט זיינען דיא אידען געבליבען פעראייניגט דורך זייער רעליגיאן, וועלכע איז געוועזן אונצערטרעננבאר מיט זייער נאציאנאליטעט. דיא כריסטען און דיא מאהמעדאנער האבין דורך זייערע רעליגיאנען זיך ניט מעהר גיקענט אומקעהרין צו יענער צייט, ווען דיא נאציאנען און דיא מלוכות זיינען נאך גיוועזן אבגיזאנדערט איינע פון דיא אנדערע. און דיא מלחמות, דיא פאליטישע קאנקורענץ, און דער נאציאנאלער האסס האבין זיי פערהינדערט צו בעשאפין פאר דיא מענשהייט א נייע וועלט-אחדות. אין דיזער הינזיכט זיינען דיא אידען גיוועזן שטארקער פון אלע אנדערע נאציאנען, וועלכע האבען זייא אונטערדריקט און פערפאלגט. זייער אלטע ירושה האט זיי גיגעבין דיא סבלנות, דיא שטאנדהאפטיגקייט, וועלכע זייערע פערפאלגער האבין שוין לאנג פערלארין. אלע צרות, אלע שלעגע וואס האבען זיך אויף זיי גישאטין פון אלע זייטין אין א פערלויף פון צוויי טויזינד יאהר, האבין ניט גיקענט צורייסין זייער נאציאנאל-רעליגיעזע איינינקייט...

מיינע איצטיגע רייד קענען אבער ערשיינען אין דיא אויגין פון מיינע צוהערער א ביסל זאנדערבאר. צו איז דען איצטער א צייט צו שמועסין מכוח נאציאנאליטעט און רעליגיאן? דיא וויססענשאפט און דיא וויססענשאפטליכע פהילאזאפהיא האבין שוין לאנג ארויסגעפיהרט אלע דיינקענדע מענשין פון דער דונקעלן וועלט פון דיא רעליגיעזע איינבילדונגען און רעליגיעזע טראדיציאנען (אמונה בקבלה). דיא וועלט-אינדוסטריא, דער וועלט-האנדעל און דאס וועלט-בירזע-שפיל פון איין זייט, און דיא פעראייניגונג פון דער וועלט-ארבייטער-קלאססע (וועלט-פראלעטאריאט) פון אנדערן זייט — האבען הערפארגערופין א קלאססענקאמפף (א מלחמה צווישען צוויי קלאססין מענטשין) וואס האט אוועקגירוקט גאר אן א זייט אלע פאלשע איינבילדונגען פון נאציאנאלען שטאלץ. נאך פון מיטעל-אלטער ציהט זיך א לעגענדע (א מעשה'לע), וועלכע פערגלייכט דיא דריי הויפטרעליגיאנען וואס האבין אונטער זיך קאנקורירט (געשטריטען) —דיא אידישע, דיא כריסטליכע און דיא מאהמעדאנישע—מיט דריי טהייערע רינגען, וועלכע מוזין בעטראכטעט ווערן וויא דרייא גלייכע טהייערע אוצרות פון דער מענשהייט. נאך אין דער צווייטין העלפט פונ'ם 18-טען יאהרהונדערט האט דער בעריהמטער דייטשער שריפטשטעללער לעססינג אויף דעמזעלבין אופן בעהאנדילט דיזע רעליגיאנען אין זיין בעקאנטען טהעאטער-שטיק „נאטהאן דער וויזע“ (נתן החכם). אין אונזער צייט אבער האבין דיזע דריי רינגען א גלייכין ווערטה נור דערפאר, ווייל זיי זיינען אלע גלייך פאלש, ווייל וויא איינער אזוי דער אנדערער האלטען זיי ניט אויס דיא קריטיק פון דער וויססענשאפט, וועלכע קען ניט לײדין קיין פאנטאסטישע אמונה און קיין ירושה-איינבילדונג. ביי דיא מענשין וואס קעמפפין איצטער פאר פערשידענע אינטערעססין און פערשידענע איבערצייגונגען, איז ניט דיא פראגע אויב דוא ביסט א איד אדער א גרעק, א פאניע אדער א דייטש, א חאחאל אדער א מאסקאל?* זאנדערן דיא פראגע איז, אויב דוא ביסט א פיאווקע, א פאראזיט, ד. ה., איינער וואס לעבט אויף דיא רעכנונג פון

---

* „כאָכאָל“ האָט מען אין רוסלאַנד גערופן אַן אוקראַיִנער, און „מאָסקאַל“ אין פוילן און אוקראַיִנע — אַ גרויסרוס (אַ מאָסקוועער).

פרעמדע ארבייט, אדער אדער[!] דוא ביסט איין ארבייטער: שטייסטו אונטער דיא פארפוצטע און אויסגיצאצקעטע פאהנען, וועלכע פלאטטערן ארום איבער דיא שטאאטסגעביידען (קאזיאנע הייזער), און איבער דער בירזא, אדער דוא שטייסט אונטער דיא רויטע פאהנע פון דער ארביי־טער־קלאססע, פונ׳ם פראלעטאריאט?

יא, דאס איז וואהר. עס איז אונמעגליך צו זוכן איצטער מענשליכע איינינקייט אין רעליגיעזע און נאציאנאלע טראדיציאנען און דעריבער איז דאס אויך אוננוצליך. ווען מען זאל אבער אריינקוקין און תוך אריין זעהט מען דאך, אז דער גאנצער משא־ומתן איז דא נור וועגין דעם, וויא אזוי צו בעשאפין אחדות, ווי אזוי צו מאכין שלום צווישן די איינציגע מענשין און דיא גאנצע קלאססען, וועלכע קאנקורירן אונטער זיך... איצטער שטייט כון איין זייט א פער־איינינגטע גיזעלשאפט פון ארבייטער־סאציאליסטען און ענטגעגין זיי פון דער אנדערן זייט שטייען דיא גרויסע קרעפטין פון דער אינדוסטריא, פון האנדיל און פון דער בירזא וואס קאנקורירן אויך אונטער זיך אליין. די ארבייטער־סאציאליסטען מוזין אויסהאלטין א זעהר שווערע מלחמה און מוזין בעשטעהן פיר זיך, וועהרענד נעגין [נעגן] זיי זיינען בעוואפענט אללע רעגירונגען, אללע איינריכטונגען פון דער איצטיגען וועלט.

פון דער אידישען געשיכטע קענען דיא סאציאליסטען ארויסנעהמען א גוטע לעקציאן פון סבלנות און גבורה. ווען אייערע סאציאליסטישע חברים פון אנדערע נאציאנען וועלין אפהענטיג ווערן און אנפאנגען צו פערלירען דעם מוטה, זא וועט איהר, אידישע סאציאליסטען, זיי דערצייליין דיא טרויעריגע געשיכטע פון אייערע זיידעס און עלטער־זיידעס, וויא מ׳ האט זייא גיטריבען, פערפאלגט, געמארדעט, און וויא אזוי זייער אחדות האט זיי ארויסגיהאלפין און האט זיי גינע־בין דיא מעגליכקייט צו פערטהיידיגען זיך אים נאמען פון דיא נאציאנאל־רעליגיעזע טראדי־ציאנען, וואס האבין שוין לאנג פארלארין זייער ווערטה. אויך דיא סאציאליסטען ווערן גיטריבען, פערפאלגט און געמארדעט; אויך זיי האבין א שווערען קאמפף. נאר זיי, וועלכע זיינען איבער־ציינגט אז זייער אויפגאבע איז גיבויט אויף א שטארקען פונדאמענט, אויף לעבעדיגע אינטערעסין, אויף געוויססענשאפטליכע וואהרהייטען, זיי דארפין קענען בעשטעהן פיר זיך און ווידערשטעהן דיא אללע פיינדליכע קרעפטין, וויא גרויס און שטארק זיי זאללין אויך זיין. און דיא סאציא־ליסטען וועלן אויסהאלטען דיא שווערע פערפאלגונגס־צייט און זיי וועלין קענען איבערטראגין דיא שלעגע וואס שיטען זאך אויף זיי, ווען זייא וועלין נאר ביי יעדען נייעם שלאג זיך איינגער און פעסטער צוזאממענשליסען, אלץ גערולדיגער און מיט מעהר עקשנות און זעלבסט־אויפאפפערונג אויפהאלטען זייערע אחדות, ווען זייא וועלין אלץ לויטער און לויטער פראקלא־מירען דיא סאלידאריטעט פון דיא ארבייטער־אינטערעסין, דיא רעכטע פון דער וועלט־ארבייט אים קאמפף מיט דעם וועלט־קאפיטאל.

נאך א מיטיל האבין דיא אידין געפונען אין זייער קאמפף געגין זייערע בעדריקקער—דאס וואר זייער האפפענונג אויף משיחן, וועלכער האט געזאלט קוממען און זייא באפרייען פון זייערע צרות... זייא האבין גיגלויבט, אז זיי מוזין נאך א מאל טריומפהירען איבער זייערע שונאים. און דיזע האפפנונג האט זייא גיגעבין מוטה און כח איינצושטעהן אין קאמפף און ניט אפהענטיג צו ווערן.

אויך דער סאציאליזמוס ערוואַרטעט זיין משיחן און גלויבט, אז ער וועט קומען. אבער דעם משיח׳ן ערוואַרטעט דער סאציאליזמוס ניט פון הימעל, ניט דורך א נס וואס איבער דער דרך הטבע, וואס איז געגין דעם נאטירליכען גאנג פון דער געשיכטע, ניט אים נאמען פון איין פאלק אתה־בחרתנו׳קעס. ניין, דער סאציאליזמוס ערוואַרטעט איהם אויס דער נאטירליכען ענטוויק־קעלונג דער נאטור־פראצעססען, וועלכע קלערט אויף אלץ מעהרער און מעהרער דען מענשליכען געדאנקען; אויס דער נאטירליכען עוואלוציאן (ענטוויקקעללונג) דער געשיכטליכען עראייגנויססע, וועלכע שטעלין אלץ דייטליכער ארויס צום שיין דיא אויפגאבין פון פראגרעסס; ער ערוואַרטעט איהם אין דער געשטאלט פון ארבייטער־מאססען, וועלכע וויקלען פאנאנדער אלץ ברייטער און ברייטער דיא רויטע פאהנע פון אללע ארבייטענדע קערפערשאפטען (הברות); ער ערוואַרטעט

איהם אין דער פעראייניגונג פון אללע נאציאנען אין פעלקער, פיר וועלכע דער איצטיגער אללגעמיינער קאמפף וועט זיך אומוואנדלען אין איינע אללגעמיינע בעשטרעבונג צור זעלבסטענטוויקלונג און אויסבילדונג.

און דער סאציאליזמוס וועט ערווארטען דיזען אמת'ן משיח'ן, ביז וואנען ער וועט זיך ווירקליך פערקערפערן אין דעם געזעללשאפטליכען ארגאניזמוס (קערפער), ביז וואננען זייער האפענונג וועט מקוים ווערן. ווען דיא אידען אין מיטעלאלטער פלעגין הערין וויא דיא כריסטען ערקלערן, אז משיח איז שוין גיקומען (כריסטוס), פלעגין זייא ענטפערן: „דאס איז ניט דער אמת'ער משיח, דאס איז ניט אונזער משיח; דאס איז א משיח פון הכנעה, פון ערנידעריגונג, פון אונטערווארפענהייט און קנעכטשאפט, און ניט א משיח פון פרייהייט און טריומף (נצחון).

אקוראט אזוי ענטפערן אויך דיא סאציאליסטען צו דיא פאליטישע קאנסערוואטארען, ליבעראלען און ראדיקאלען, וועלכע ליגען פאר זייא אויס זייערע פראגראמעס און ווילען זיי בעווייזן, אז אללע גוטע זאכין, ווי ארדנונג[!], פרידען, גוטע איינריכטונג, פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, זיינען שוין מקוים גיווארן. ניין — ענטפערן זייא — דאס איז ניט דיא ריכטיגע ארדנונג, דאס איז ניט דער ריכטיגע פרידען, דאס איז ניט דיא ריכטיגע גוטע איינריכטונג, ווען עס ווערן נור בעשיצט דיא רעכטע פון דיא אויסבויטער, פון דיא עקספלואטאטארס, ווען דער קלאססענקאמפף ווערט אלץ שארפער און שארפער, ווען מילליאנען האבין ניט דיא נאטהווענדיגסטע מיטטעל צום לעבין. דאס איז ניט דיא אמת'ע פרייהייט, ניט דיא אמת'ע גלייכהייט, ניט דיא אמת'ע ברידערליכקייט, ווען פריי איז נור דער שטארקער צו בערויבען דעם שוואכען, ווען דער קאפיטאליסט ליגט אין א ים פערגעניגען, און לעבין איהם שטייט א הונגעריגער טאגלוינער, ווען דיא לייכען פון דיא קאמונארען וואלגערן זיך צו טויזינדע אויף די גאססען אונטער דיא קוילען פון דיא „ארדנונג-לייטע“. די ווירקליכע ארדנונג צוזאממען מיט דער ריכטיגען פרייהייט וועלן קומען, אבער נור מיר, סאציאליסטען, וועלן זייא ברייגען צו דער מענשהייט. דער נייער רעעלער משיח וועט קומען, ווען איבער דער גאנצען וועלט וועט זיך ענטפאלטען דיא רויטע פאהנע פון דער טריומפהירענדען סאציאלען רעוואלוציאן! —

איר האט זיך ערקלערט אלס ארבייטער-סאציאליסטען און האט זיך גישטעלט אין דיא רייהען קעמפפער, וואס ווערן אלץ געדיכטער און מעהרער ארום דיא רויטע פאהנע, וועלכע שטיצט זיך אויף וויססענשאפט און וויל ניט וויססען פון גרענעצין און נאציאנאליטעטין. בעשיידין איז אייער אנפאנג; ארעם זיינען אייערע מיטטל; קליין איז דיא צאהל פון דיא מיטגליעדער אין אייער גרופפע. אבער איר זייט א טהייל פון יענע ארמעע, וועלכע קעמפפט פיר דען טריומף פון סאציאליזמוס. ווען מען וועט אונז דא באלד לייענען דעם בעריכט פון אייערע דריי-יעהריגע טהעטיגקייט, זאל יעדער צוהערער גידיינקען, אז דא ווערט גילייגט א קליינער שטיין וואס גיהערט צוא יענעם גרויסען טעמפעל, וואו עס ווערן איינגעלאדען און אין וועלכין עס וועלן אריינקומען א ל ל ע פ ע ל ק ע ר“. (לאנגע און הייסע אפלאדיסמענטען).

## II

# די ייִדישע פֿראַגע און דער סאָציאַליזם

(אַ בריוו צו די רעדאַקטאָרן פֿונעם ייִדישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן „דער וועקער“)[23]

ליבע חבֿרים!

איר גייט גרינדן אין לאָנדאָן אַ נײַעם אָרגאַן מיט אַ סאָציאַליסטישער ריכטונג אין ייִדיש[24] און וואָלט וועלן האָבן מײַן מיינונג וועגן דעם איצטיקן שטאַנד פֿון דער ייִדישער פֿראַגע, וואָס פֿאַרבלײַבט נאָך אַלץ סוף דעם 19טן יאָרהונדערט, צו דער הרפּה פֿון אונדזערע בני-דור, אַ „פֿראַגע“.

---

[23] זע Материалы для истории русского соц.-рев. движения (מיט אַ הוספֿה: С родины и на родину), נר׳ 4, מאַי 1894, ז׳ 254—256; אַרויסג׳ פֿון „אַ גרופּע אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס“ אין זשענעווע, פֿאַקטיש אונטער דער רעד׳ פֿון לאַווראָוון.

[24] אין אָריגינאַל: На ново-еврейском языке — אין דער נײַ-ייִדישער שפּראַך; כאַראַקטעריסטיש, אַז דער אויסדרוק „זשאַרגאָן“ ווערט דאָ ניט באַנוצט.

מײַן שטעלונג צו איר האָט ניט געקענט זײַן און קען ניט זײַן קיין צווייטײַטיקע, און איך האָב ניט איין מאָל געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצוזאָגן מײַן מיינונג וועגן דעם. פֿאַר אַן איבערצײַגטן סאָציאַליסט ווערט די נאַציאָנאַלע פֿראַגע פּרינציפּיעל בטל שוין דורך דעם, וואָס אַ סאָציאַליסט דערקלערט זיך פֿאַר אַ סאָציאַליסט. מיטן איבערגאַנג פֿון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע אין פּאַזיס פֿון וויסנשאַפֿטלעכן, אַרבעטער- און רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם האָבן זיך אין אַלע אינדוסטריעלע לענדער פֿון דער וועלט געבילדעט צוויי אַרמייען, וואָס שטייען איינע קעגן דער אַנדערער: אַן אַרמיי פֿון אַרבעט און אַן אַרמיי פֿון קאַפּיטאַל. און אין די רייען פֿון די אַרמייען האָבן זיך צונויפֿגעמישט אַלע פֿעלקער, אַלע שפּראַכן, אַלע ראַסעס, איגנאָרירנדיק די גרענעצן פֿון נאַציאָנאַליטעט און מלוכה. אויפֿן באָדן פֿון יעדן לאַנד, לויט די יודישע תּנאָים וואָס הערשן דאָרט און לויט דער מדרגה פֿון אָרגאַניזאַציע וואָס די אַרבעטער-פּאַרטיי האָט דאָרט דערלאַנגט, האָט זיך פֿאַר אַלע אַרבעטער פֿון דער טעריטאָריע אין דער אָדער יענער פֿאָרם געשטעלט איינע און די זעלביקע פֿראַגע וועגן קאַמף פֿאַר פֿאַרכאַפּן די פּראָדוקציע-מיטלען. אַרום יענע אַרבעטער-פֿאַרבאַנדן און אַרום יענע קאָאַליציעס, וואָס זײַנען דער בעסטער שאַנס פֿאַרן דאָזיקן קאַמף, קומט אויס צו גרופּירן זיך אַלע קאַמף-עלעמענטן פֿון סאָציאַליזם, אויסמײַדנדיק יעטווידע חילוקי-דעות, יעטווידע פֿײַנדשאַפֿט צווישן די טיילן פֿון איינער און דער זעלביקער אַרבעטס-אַרמיי. עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז דער חילוק אין שפּראַך און דיאַלעקט צווינגט אין די צוגרייט-פּאַזיסן פֿון קאַמף צו פֿירן די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אין די לשונות, וואָס זײַנען מער באַקאַנט פֿאַר יענע עלעמענטן און גרופּעס, צווישן וועלכע עס ווערט געפֿירט די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע. אָבער בכדי בעסער און פֿעסטער דורכצופֿירן די אָרגאַניזאַציע און דעם גרויסן געבאָט פֿון אַרבעטער-סאָציאַליזם: „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!" — קומט אויס צו שטרעבן דערצו, אַז אַלע טיילן פֿון דער אַרבעטס-אַרמיי אין איין און דער זעלביקער געגנט זאָלן אַרומגענומען ווערן פֿון איין פּראָפּאַגאַנדע-שטראָם, און ממילא זאָל די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע קענען אין דאָס רובֿ פֿאַלן געפֿירט ווערן אויף איין און דער זעלביקער שפּראַך.

דערפֿון איז שוין דירעקט און פּשוט געדרונגען די אָנווענדונג פֿון דעם טעזיס אויף דער יידישער פֿראַגע, ווי זי שטייט אין אַלע לענדער, וווּ עס הערשט מער ווייניקער אינטענסיוו איינע פֿון די סאַמע טרויעריקסטע עפּידעמיעס פֿון אונדזער תּקופֿה, די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע.

פֿאַר אַ ניט-יידישן סאָציאַליסט איז עס זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אַ ייד אַ סאָציאַליסט איז אים אַקוראַט אַזאַ ברודער און חבֿר אין דעם גרויסן קאַמף פֿאַר אַרײַנבאַקומען די פּראָדוקציע-מיטלען דורך דער קאָלעקטיווער פֿאַראייניקונג פֿון די אַרבעטער, ווי יעדער סאָציאַליסט פֿון אַן אַנדער נאַציע. פֿאַר אַ יידן אַ סאָציאַליסט עקסיסטירט אויך ניט און טאָר ניט עקסיסטירן יענער חילוק אין דעם שטייגער און די געוווינהייטן פֿונעם טאָג-טעגלעכן לעבן, וואָס די טראַדיציע האָט געשאַפֿן צווישן די איינצלנע פֿעלקער אין אַ גאַנץ בולטער פֿאָרם און געגנג שאַרף צווישן יידן און ניט-יידן אין דאָס רובֿ לענדער פֿון אייראָפּע. פֿון איין זײַט — אָפּזאָגן זיך פֿון די נאַציאָנאַלע אַנדערשקייטן אין די רייען פֿון דער אַרבעטס-אַרמיי; פֿון דער צווייטער — אַראָפּוואַרפֿן דעם יאָך פֿון געוווינהייטן, וואָס פֿאַרפֿעסטיקן די דאָזיקע אַנדערשקייטן און וואָס מאַכן זיי פֿאַר אַ ירושה-זאַך: דאָס זײַנען די צוויי צווישן זיך פֿאַרבונדענע פֿאָדערונגען, וואָס די סאָציאַליסטישע טעאָריע שטעלט יעדן מיטגליד פֿונעם נײַעם אַלוועלטלעכן פֿאַרבאַנד און וואָס זײַנען ביידע גלײַך נייטיק.

אין דער איצטיקער צײַט רופֿט אָפּט אַרויס די עפּידעמיע פֿון אַנטיסעמיטיזם, וואָס וועגן איר האָב איך אָקאָרשט גערעדט, אַ ברייטע מאַסן-עמיגראַציע פֿון יידן אין פֿאַרשיידענע לענדער. און דעריבער האָט זיך אין די דאָזיקע לענדער אָנגעזאַמלט אַ יידישע באַפֿעלקערונג, וואָס איז ביז אַ געוויסער צײַט ניט צוטריטלעך פֿאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אויף דער הערשנדיקער שפּראַך פֿון לאַנד. גראָד דאָס, אויף ווי ווײַט איך פֿאַרשטיי דעם מצבֿ, האָט אַרויסגערופֿן צום לעבן די אַגיטאַציע אויפֿן נײַ-יידישן דיאַלעקט און די סאָציאַליסטישע אָרגאַנען אין דעם דיאַלעקט לעבן די פּרעסע-אָרגאַנען פֿון אַן אַנדער ריכטונג. מען דאַרף אָבער

אָנגענומען, אַז דאָס איז נייטיק נאָר פֿאַרן איצטיקן צוגרייט־פּאַזיס, דאָס מיינט נאָר בכדי צו באַקענען די נײַ אָנגעקומענע ייִדן אין לאַנד, וועלכע קענען נאָך ניט די לאַנדשפּראַך, מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאַנד. דער ציל פֿון דער דאָזיקער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע אין אַ ספּעציאַליזירטער פֿאָרם דאַרף זײַן נאָר דער, אַז די ייִדישע אַרבעטער זאָלן שפּעטער אַרײַנטרעטן אין די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען פֿון לאַנד, און דערבײַ דאַרף מען זען אָפּשאַפֿן די אָפּגעזונדערטקייט פֿון די אַרבעטער לויט זייער שפּראַך, וואָס איז מער שעדלעך ווי נוצלעך.

איך פֿאַרענדיק מיט דער באַמערקונג, אַז יענע טראַדיציעס, וואָס האָבן זיך אויסגעאַרבעט בײַ ייִדן אין משך פֿון טויזנטער יאָרן, און אַפֿילו יענע טרויעריקע רדיפֿות, וואָס די טויזנט־יאָריקע געשיכטע האָט אָנגעשיקט אויף זיי, האָבן אפֿשר געשאַפֿן אייניקע אַזעלכע אומשטאַנדן, וואָס זײַנען נוציק פֿאַר אַ סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין זייער סבֿיבֿה. אויב די ייִדן פֿון אַלטן שניט און פֿון אַלטן פֿאַנאַטישן גלויבן האָבן געוואַרט אויף משיחן, וואָס זאָל אײַנשטעלן זײַן ממשלה איבער אַלע פֿעלקער, טאָ צי איז די דאָזיקע אמונה ניט געווען קיין אומבאַוווּסט־זיניקע צוגרייטונג צו אַ מער ראַציאָנאַליסטישן גלויבן? צי האָט ניט דער נײַער ייִד, וואָס האָט אײַנגעגלייבט אין סאָציאַליזם, פֿאַרביטן דעם לעגענדאַרן משיח מיט אַ משיח אַ רעאַלן דורך פּראָקלאַ־ירן דאָס קיניגרײַך פֿון אַרבעט, וואָס דאַרף אַראָפּשלײַדערן דעם גאָלדענעם קאַלב פֿון קאַפּיטאַליזם? צי איז ניט אין דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון ייִדן איבער דעם גאַנצן כּדור־הארץ און אין דעם, וואָס זיי האָט מקדמונים געפֿעלט אַן אייגענע טעריטאָריע און אַן אייגענע מלוכה, פֿון זיך אַליין אַרויסגעריסן געוואָרן בײַ זיי יענער ווידערשטאַנד צום אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס איז בײַ אַזוי פֿיל פֿעלקער פֿאַרבונדן מיט דער טראַדיציע פֿון קענגנזײַטיקער קאָנקורענץ און קעגנזײַטיקער שׂנאה, און וואָס זייער סיבה ליגט אין די היסטאָרישע גרענעצן פֿון „אייגענער" טעריטאָריע און „פֿרעמדער" נאַציאָנאַליטעט, פֿון „אייגענער" און „פֿרעמדער" מלוכה? די נאַציע, וואָס האָט געגעבן אין 19טן יאָרהונדערט קאַרל מאַרקסן און לאַסאַלן, צי ליגט ניט אין איר באַהאַלטן אַן אײַנגעבוירענער אָדער אַ היסטאָריש־אויסגעאַרבעטער סטימול צו סאָציאַליסטישע פּרינציפּן?

אַ גרויס די חבֿרים־סאָציאַליסטן, צו וואָסער נאַציע זיי זאָלן ניט געהערן און אויף וואָסער שפּראַך זיי זאָלן ניט דרוקן זייער סאָציאַליסטישן רוף. פֿאַר יעדערן פֿון אונדז זײַנען זיי נאָר אויס־ווייניק פֿאַרשיידענע עלעמענטן פֿונעם סאָציאַליזם אין דעם לאַנד, וווּ זיי וווינען און וווּ זיי ראַנגלען זיך מיטן אַלוועלטלעכן שׂונא — מיטן קאַפּיטאַליזם.[25]

---

25 וועגן לאַווראָווס בריוו צום „וועקער" ווערט דערמאָנט אין די זכרונות פֿון ב. רודערמאַן וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָנדאָן אין יענע יאָרן, געדרוקט אין דער „פֿרײַער אַרבעטער־שטימע" 1924—1925.

# דאָקומענטן

## אַ ייִד בראָש פֿון אַ פּויערים-בונט אין ליטע אָנהייב 19טן י״ה

(פֿון ווילנער מלוכה-אַרכיוו)

פֿון ד״ר נאַדעזשדאַ יאַפּע (ווילנע)

אין די ווילנער אַרכיוו-אַקטן ווערט דערציילט וועגן אַזאַ ביז איצט לחלוטין אומ-באַקאַנטן עפּיזאָד: אין שטעטל ווילקי, אַמאָל ווילנער גובערניע, האָבן די פּויערים פֿון גראַף זאַבעלאָ אין די ערשטע יאָרצענדלינגער פֿון 19-טן י״ה זיך ניט געוואָלט אָנער-קענען פֿאַר לײַבקנעכט און מיט גוואַלד פֿאַרטיידיקט זייערע רעכט פֿון פֿרײַע אײַנוווינער; בראָש פֿון די פּויערים האָט זיך געשטעלט אַן אָרטיקער ייִד, אַבֿרהם מאַרקוס, וואָס איז פֿון זיי דעלעגירט געוואָרן קיין פּעטערבורג צו פֿאַרטיידיקן זייערע רעכט, האָט זיי צוגערעדט צו אַ ווידערשטאַנד און איז דערפֿאַר פֿאַרשיקט געוואָרן מיט זײַן פֿאַמיליע קיין סיביר. אָט וואָס די אַרכיוו-דאָקומענטן דערציילן וועגן דעם אויספֿירלעך:[1]

דאָס שטעטל ווילקי, ראַסיינער פּאָוויאַט, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו ווילנער גובערניע,[2] האָט נאָך פֿון די אַלטע יאָרן געגאָסן די אַ״ג רעכט פֿון מאַגדעבורג; די אײַנוווינער זײַנען געווען יורידיש פֿרײַע בירגער און האָבן געהאַט רעכט פֿון שטאָטלײַט. דעם 20סטן מערץ 1792 האָט דער פּוילישער קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט געשאָנקען דעם שטעטל אַ פּריווילעגיע, וואָס האָט באַשטעטיקט די דאָזיקע רעכט.[3] אַרום שטעטל איז געלעגן אַ גרויסער מאַיאָנטעק, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ ריי דערפֿער אויף ביידע זײַטן ניעמען. אין דער צײַט פֿון די פּוילישע סיימען איז דער מאַיאָנטעק אָפּגעגעבן געווערן ווי אַ לעבנסלענגלעכער אייגנטום „צו די וואָס האָבן זיך פֿאַרדינט געמאַכט“, און אַזוי איז סוף 18טן י״ה בעל-הבית פֿון מאַיאָנטעק געוואָרן גראַף יוזעף זאַבעלאָ, דער גרויס-העטמאַן פֿון ליטע, אָנטייל-נעמער אין דער טאַרגאָוויצער קאָנפֿעדעראַציע. בעתן אויפֿשטאַנד פֿון קאָשטשושקאָ איז גראַף זאַבעלאָ פֿון די אינסורגענטן אין וואַרשע אויפֿגעהאַנגען געוואָרן, און בשׂכר זה האָט דער צאַר פּאַוועל I דעם 11טן סעפּטעמבער 1791 אַרויס-געגעבן אַ רעסקריפּט אויפֿן נאָמען פֿון דער אלמנה מאַריאַנאַ זאַבעלאָ און איר זון הענריק: „ווי אַ באַלוינונג פֿאַרן גוטן דינסט און געטרײַשאַפֿט דער אימפּעריע פֿון אונדזער געוועזענעם גרויסהעטמאַן פֿון ליטע גראַף זאַבעלאָ ווערט אַלגנעדיק געשאָנקען די ווילקיִער און טעלזער סטאַראָסטוועס, חוץ דער שטאָט טעלז, ווי אַ נחלה לדורות דער אלמנה און דעם זון און זייערע קינדסקינדער, מיט אַלע דאָרט פֿאַראַנענע און אַנטלאָפֿענע פּויערים“.[4]

היות ווי דאָס שטעטל ווילקי איז ניט געווען אויסגעשלאָסן פֿונעם צאַרישן רעס-קריפּט, זײַנען זײַנע אײַנוווינער געוואָרן לײַבאייגענע פֿון די זאַבעלאָס. אָבער ווי אין די אַקטן ווערט ווײַטער דערציילט, אין דער צײַט פֿון נאַפּאָלעאָנס מאַרש אויף רוסלאַנד

---

1 ווילנער מלוכה-אַרכיוו; אַקטן פֿון דער געג׳-גובערנאַטאָרישער קאַנצעלאַריע: פֿאַרן יאָר 1814 — נומ׳ 285, 1824 — נומ׳ 174, 1833 — נומ׳ 1367.

2 שפּעטער אַריבער צו קאָוונער גוב׳, געהער איצט צו ליטע.

3 קאַנצעלאַריע פֿון געג׳ גובערנאַטאָר (ווײַטער געקירצט: ק׳ ג׳ ג׳) 1814, נומ׳ ז׳ 299.

4 דאָרטן, ז׳ 294 — 295.

אין 1812 האָבן די פּויערים פֿון ווילקי און די אַרומיקע דערפֿער „אָנגענומען זיך מיטן גײַסט פֿון אומרו, מיטן גײַסט פֿון ווידערשפּעניקייט". אויף זייער צד, ווי זייער באַשיצער קעגן די פּריצים, שטעלט זיך אַן אָרטיקער ייִדישער אײַנוווינער, איינער אבֿרהם-לייב בן מרדכי. זײַן נאָמען ווערט אָנגעגעבן פֿאַרשיידן: די זאַבעלאָס באַהויפּטן, אַז ער הייסט איגלאַשאַניס, די פּויערים רופֿן אים אבֿרהם-לייב מאָרדכעלעוויטש, ער אַליין רופֿט זיך אבֿרהם מאַרקוס, און אונטער דעם נאָמען פֿיגורירט ער אין די אַקטן. אין 1813 שטעלן אויס די פּויערים אַ שריפֿטלעכע כּוח-הרשאה אויף זײַן נאָמען און גיבן אים איבער צו פֿאַרטיידיקן אַלע זייערע אינטערעסן.[5] שפּעטער, אין 1819, פֿאָרט ער אַוועק לויט זייער שליחות, אין איינעם מיט לאַפּאַצינסקין, אַן אָרטיקן שריפֿטקענעוודיקן פּויער, קיין פּעטערבורג כּדי זיך משתדל צו זײַן בײַ דער העכערער מאַכט פֿאַר די רעכט פֿון די פּויערים. דעם 7טן אָקטאָבער 1819 ווענדט ער זיך אין זייער נאָמען צום סענאַט מיט אַ השתדלות וועגן צוריקשטעלן די רעכט פֿון זײַן פֿאַרקנעכטן שטעטל. צו דער גלײַכער צײַט שרײַבט ער אַהין צו די פּויערים בריוו, אַדרעסירט „צו דער „זשעץ פּאָספּאָליטאַ ווילקי" — צו דער „רעפּובליק פֿון דער שטאָט ווילקי", און רופֿט זיי, „זיי זאָלן ניט פֿאָלגן דעם הויף [די זאַבעלאָס], ניט אַרבעטן אויפֿן פּריץ, און וואָס דער הויף זאָל ניט אונטערנעמען, זאָלן זיי זיך ניט לאָזן און זיך פֿאַרטיידיקן".[6]

מאַרקוסעס עצות האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף די פּויערים. דעם 20סטן פֿעברואַר 1824 קלאָגן זיך די זאַבעלאָס אין אַ ווענדונג אויפֿן נאָמען פֿון גענעראַל-גובערנאַטאָר, אַז לויט דער העצע פֿון מאַרקוסן זאָגן זיך אָפּ די פּויערים אויסצופֿירן זייער דינסט פֿון לײַבאייגענע, און די אייגנטימער פֿון מאַיאָנטעק, האָבן דערפֿון אַ היזק, וואָס דערגייט ביז 25 טויזנט רובל זילבער.[7] מאַרקוס פֿאַרבלײַבט אין פּעטערבורג עטלעכע יאָר, אָבער די השתדלות גייט צו זייער לאַנגזאַם. אין 1822 איז ער נאָך דאָרטן, און די פּויערים ווענדן זיך צו אים מיט יאָמער-בריוו, אין פּויליש, וועגן די גרויסע צרות און פּײַניקונגען, וואָס זיי שטייען אויס פֿון זאַבעלאָס פֿאַרוואַלטערס ווי אַ נקמה דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן דעם פּריץ פֿאַרקלאָגט דורך מאַרקוסן פֿאַר דער מאַכט: מען שמידט זיי אין הילצערנע קלעצלעך, מען זעצט זיי אויף אײַז, מען פּײַניקט זיי מיט שווערער אַרבעט.[8] מאַרקוס רוט ניט און פֿאַרוואַרפֿט דעם סענאַט מיט נײַע און נײַע אָנקלאָגעס און בקשות, און דעם 19טן נאָוועמבער 1823 באַשליסט דער סענאַט, אַז דער סיכסוך אין ווילקי געהער צו דער יוריסדיקציע פֿון דער אָרטיקער מאַכט, און גיט איבער דעם ענין צום געריכט אין ראַסיינער קרײַז.

דאָ הייבט זיך אָן אַ נײַער קאַפּיטל אינעם קאַמף צווישן מאַרקוס און די פּריצים זאַבעלאָ. מאַרקוס ווערט אַרויסגעפֿאָדערט צום געריכט קיין ראַסיין. ווויסנדיק וואָס עס דערוואַרט אים דאָרט ווענדט ער זיך, דעם 22סטן פֿעברואַר 1824, צום ליטווישן מיליטער-גובערנאַטאָר מיט אַ בקשה „צו באַשיצן אים קעגן זײַנע שונאים". און תּחילת האָט דאָס אַ פּעולה: בעת דער פֿאַרוואַלטער פֿון גראַף זאַבעלאָ ווענדט זיך צו דער מאַכט, מען זאָל מאַרקוסן אַרעסטירן, באַקומט ער פֿון גובערנאַטאָר אַן אָפּזאָג (דעם 7 מערץ 1824), דערבײַ פֿאַררופֿט זיך דער גובערנאַטאָר אויף צוויי פֿאַראָרדענונגען פֿון פּעטערבורג פֿון יוסטיץ-מיניסטעריום, אַז „מען זאָל באַשיצן מאַרקוסן און די ווילקיִער אײַנוווינער פֿון אונטערדריקונגען און נגישות מצד די אייגנטימער".[9] אָבער די זאַבעלאָס האָבן אויך זייערע, נאָך מעכטיקערע פֿאַרבינדונגען.

---

5 זע דעם דאָזיקן דאָקומענט אין זײַן פּוילישן אָריגינאַל ווײַטער.

6 ק׳ ג׳ ג׳ נומ׳ 285, ז׳ 302.

7 ק׳ ג׳ ג׳ 1824, נו׳ 174, ז׳ 5.

8 דאָרטן, נר׳ 174, ז׳ 240 — 243.

9 דאָרטן, נו׳ 174, ז׳ 5.

אין דעם ענין מישט זיך אַרײַן דער גרויספֿירשט קאָנסטאַנטין פּאַװלאָװיטש, דער נאַמעסטניק פֿון פּוילן, װאָס האָט אויך געהאַט צו זאָגן איבער די ליטװישע גובערניעס, און דעם 19טן אַפּריל 1824 גיט ער אַרויס אַ באַפֿעל: „תּיכּף אַרעסטירן און אַרײַנזעצן אין תּפֿיסה מאַרקוסן און אויך יענע פּויערים און אַנדערע פּערזאָנען, װאָס זײַנען מיט אים אין אײנעם אין דער פֿאַרשװערונג".[10] אָבער נעמען מאַרקוסן איז ניט געװען אַזוי לײַכט. פֿונעם װײַטער געדרוקטן ראַפּאָרט פֿון ריכטער קלימענס צום װילנער גובערנאַטאָר, פֿון 3טן מאַי 1824, דערװיסן מיר זיך, אַז די פּויערים פֿון װילקי און פֿון די דערפֿער אַרום האָבן אויפֿגעהויבן אַן אמתן בונט קעגן די פֿאָרשטייער פֿון דער פּאָליצײַ און געריכט, װאָס זײַנען געקומען אַרעסטירן מאַרקוסן און זײַן זון: זײ זײַנען אָנגעפֿאַלן מיט פּלאָקנס און אַפֿילו געװער אויף די סאָלדאַטן פֿון דער װאַך, האָבן זײ צעשלאָגן, צעבראָכן די טירן און מיט גװאַלד אַרויסגעשלעפּט די אַרעסטירטע, אַװעקגעפֿירט און אויסבאַהאַלטן און דערבײַ אויך פֿאַרװונדעט דעם פֿאָרשטייער פֿון דער פּאָליצײַ-מאַכט, װאָס האָט זיך „מיט סכּנה פֿאַרן לעבן געמוזט אומקערן צוריק קיין ראַסיין". אין דעם באַשולדיקונגס-אַקט קעגן מאַרקוסן װערט נאָך דערציילט, אַז אײנער פֿון די פּויערים האָט זיך דערבײַ איבערגעטאָן אין ייִדישע בגדים און מיט אַ פּיוון געלאָזט לויפֿן אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג „בכדי אָפּצונאַרן די פּאָליצײַ און באַהאַלטן די שפּורן װוּהין מען האָט דעם ייִדן [מאַרקוס] אַװעקגעפֿירט".[11] סוף כּל סוף האָט מען מאַרקוסן געכאַפּט: דעם 22סטן מאַי 1824 װערט געמאָלדן אין אַ ראַפּאָרט צום גרויספֿירשט קאָנסטאַנטין, אַז „דער אויפֿהעצער פֿון די פּויערים, דער ייִד מאַרקוס, איז געפֿונען געװאָרן אין קאָװנע, אין הויז פֿון ייִדן װיוקער". חוץ מאַרקוסן זײַנען אַרעסטירט געװאָרן אויך אַלע פּויערים, װאָס זײַנען געװען פֿאַרמישט אין דעם ענין, װי אויך זײַן פֿרוי, זײַן זון און זײַן 15-יאָריקע טאָכטער. די פֿרוי און דעם זון האָט מען באַשולדיקט אין דעם, אַז זײ פֿלעגן אַריבערשיקן צו מאַרקוסן קיין פּעטערבורג בריװ פֿון די פּויערים, פֿלעגן פֿון די פּויערים באַקומען במתּנה ברויט און די טאָכטער פֿון מאַרקוסן, חיה לאה, אַז זי האָט צוגערעדט די פּויערים אָפּצושלאָגן איר פֿאָטער פֿון דער פּאָליצײַ.[12]

די אויספֿאָרשונג פֿון דעם ענין האָט געדויערט אַ לאַנגע צײַט און צו לעצט איז דעם 18טן פֿעברואַר 1826 פֿאָרגעקומען דער משפּט: די מיליטעריש-גערעכטלעכע קאָמיסיע בײַם װילנער אָרדאָנאַנץ-הויז האָט אַרויסגעטראָגן אַ פּסק, אַז אײגנטלעך פֿאַרדינט מאַרקוס טויטשטראָף;[13] נאָר „היות װי לויטן באַפֿעל פֿון 27סטן סעפּטעמבער 1754 איז טויטשטראָף אָפּגעשאַפֿט געװאָרן, און קאַטאָרזשנע טויט-עקזעקוציע, לויטן באַפֿעל פֿון 31סטן יולי 1799, קומט נאָר פֿאַר רויבמאָרד, גנבֿה און גזלה, און היות װי מאַרקוס האָט זיך דאָך דערצו ניט אַראָפּגעלאָזט, — װערט ער פֿאַרשיקט קיין סיביר אויף „פּאָסעלעניע" אָן אַ שטראָף,[14] אויפֿן סמך פֿון מאַניפֿעסט, װאָס זײַן מאַיעסטעט דער אַלגענעדיקער [צאַר ניקאָלאַי I] האָט אַרויסגעגעבן בײַם אַרויפֿשטײַגן אויפֿן טרון, אינעם ערשטן טאָג פֿון הײַנטיקס יאָר".[15] צו פֿאַרשיקונג אין סיביר זײַנען אויך פֿאַרמשפּט געװאָרן מאַרקוסעס פֿרוי, זײַן זון און טאָכטער. דער פּסק-דין איז צוגעשטעלט געװאָרן אויף קאָנפֿירמאַציע דעם גרויס-פֿירשט קאָנסטאַנטין, און דעם 19טן יוני איז ער באַשטעטיקט געװאָרן,

---

10 דאָרטן, ז׳ 7.

11 דאָרטן, נר׳ 174, ז׳ 364.

12 דאָרטן, ז׳ 255.

13 אין אָריגינאַל פֿון פּסק: „его слѣдует лишить живота"

14 מסתּמא געמײנט — אָן שמיץ מיט „שפּיצרוטנס", װי דער שטייגער איז דעמאָלט געװען פֿאַר פֿאַרשיקטע.

15 ק׳ ג׳ ג׳ 1824, נר׳ 174, ז׳ 259.

מיטן אויסנאָם נאָר בנוגע דער טאָכטער חיה לאה מחמת איר מינעריעריקייט און מחמת דעם, וואָס „כאַוועגט האָט זי צו איר טועכץ די טאָכטער-ליבע צום פֿאָטער", און זי איז איבערגעלאָזט געוואָרן אין דער היים.[16]

מאַרקוס מיט דער פֿאַמיליע זײַנען פֿאַרשיקט געוואָרן אין טאָבאָלסקער גובערניע. אין די אַקטן געפֿינען מיר אַ שריפֿטלעכע ווענדונג פֿון אים, פֿון אַפּריל 1833, צו דער „דריטער אָפּטיילונג" אין פּעטערבורג, אין וועלכער ער קלאָגט זיך אויף דעם אומרעכט, וואָס מען איז קעגן אים באַגאַנגען, אָבער ווײַזט דערבײַ ווידער אָן אויף די נגישות, וואָס די פּויערים אין זײַן געגנט האָבן אויסצושטיין פֿון דעם פּריץ גראַף זאַבעלאָ. די דאָזיקע ווענדונג איז געשריבן אין העברעיִש.[17] אין די ווילנער אַקטן איז די ווענדונג ניט פֿאַראַן — זי איז פֿאַרבליבן אין אַרכיוו פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" — דאָ פֿאַר-רופֿט מען זיך נאָר אויף איר.[18] בעת מאַרקוס האָט פֿון סיביר געשריבן צו דער מאַכט וועגן די עוולות קעגן די פּויערים, האָט ער ניט געוווסט, אַז נאָך מיט עטלעכע יאָר פֿריִער, אין 1828, האָבן זיך די ווילקיִער פּויערים שוין אונטערגעגעבן און האָבן אָנערקענט, אַז „היות ווי די פּערזאָנען, וואָס האָבן זיי צוגערעדט צו זוכן פֿרײַהייט און צו פֿאַרשווערכן די מאַכט פֿונעם אייגנטימער גראַף זאַבעלאָ, האָבן באַקומען זייער שטראָף" און „היות ווי דער פּריץ גראַף זאַבעלאָ מיט זײַן באַקאַנטער צוריקגעהאַלטנקייט האָט אויסגעמעקט פֿון זכרון דאָס געשעענע און האָט מוחל געווען די פּויערים", — דערקלערן די פּויערים זייער אונטערטעניקייט דעם גראַף זאַבעלאָ, וועמען זיי אָנערקענען פֿאַר זייער פּריץ און אייגנטימער, און זיך — פֿאַר זײַנע לײַבאייגענע, און דערמיט זאָל ליקווידירט ווערן דער סיכסוך, וואָס איז „ניט נאָר איבעריק, נײַערט אויך מסוגל צו ברענגען פֿאַר די פּויערים שלעכטע רעזולטאַטן".[19]

מיט דעם האָט זיך פֿאַרענדיקט דער עפּיזאָד פֿון ניט-געראָטענעם פּויערשן קאַמף פֿאַר רעכט, אין וועלכן ס׳האָט געשפּילט די הויפּטראָלע דער ייִד אבֿרהם-לייב מאַרקוס.

ווער איז ער געווען אָט דער מאַרקוס, וועלכער האָט זיך מיט אַזאַ תּקיפֿות אײַנגעשטעלט פֿאַר די פּויערשע רעכט? קיין סך ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן אים זײַנען ניט פֿאַראַן. אין די אַקטן ווערט נאָר אָנגעוויזן, אַז פֿריִער איז ער געווען אַ ליוועראַנט פֿאַר דער פּרײַסישער אַרמיי און פֿלעגט אָפֿט פֿאָרן קיין אויסלאַנד; בעת דער מלחמה אין 1812 האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט אויסשפּירן די פֿראַנצויזן און צוגעשטעלט ידיעות דער רוסישער אַרמיי. דעם 9טן יאַנואַר 1813 שרײַבט אים דער קאָמענדאַנט פֿון יורבעריק, אַז ער, וואָס האָט „שטאַרק געהאָלפֿן דער גרויסער אַרמיי", באַקומט ווײַטער די שליחות צו פֿירן די אויסשפּיר-אַרבעט און צושטעלן ידיעות דער רוסישער מיליטער-מאַכט.[20] אָבער אין יענער צײַט איז שוין מאַרקוס קאָנטיק געוואָרן אָנגעשטעקט פֿון די פֿראַנצייזישע פֿרײַהייט-אידעען, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופֿטן. אַ דאַנק זײַנע פֿאַרבינדונגען קריגט ער אַרויס אין 1814 פֿונעם וואַרשעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר אַ שוץ-בריוו, אַז ער „שטייט אונטערן באַזונדערן שוץ פֿון זײַן מאַיעסטעט", און ווער פֿון דער מאַכט עס וועט זיך אָפּזאָגן אים צו שיצן, „דער וועט שטרענג באַשטראָפֿט ווערן". מיטן דאָזיקן שוצבריוו און האָבנדיק די אַלטע פֿאַרבינדונגען האָט זיך מאַרקוס גענומען פֿאַר דער השתּדלות אין פּעטערבורג לטובֿת די פּויערים. גענומען האָט ער זיך, ווי ס׳איז קלאָר פֿון די אַקטן, ניט פֿאַר געלט: ער פֿלעגט באַקומען אין פּעטערבורג פֿון די פּויערים נישטיקע סומעס און די פֿרוי זײַנע פֿלעגן זיי שטיצן נאָר מיט קאָרן, דערבײַ

16 דאָרטן, ז׳ 368.

17 אין אָריגינאַל שטייט: на еврейском языке וואָס מיינט זיכער — אין העברעיִש.

18 ק׳ ג׳ ג׳, 1833, נר׳ 1367, ז׳ 1.

19 דאָרטן, ז׳ 3 און 4.

20 ק׳ ג, ג׳, 1824, נר׳ 174, ז׳ 312.

איז ער אָפּגעזעסן אין פּעטערבורג כּמעט פֿינף יאָר צײַט. צי איז מאַרקוס געווען אַן אידעאַליסט אַ קעמפֿער אָדער אַן אַוואַנטוריסטישע נאַטור, אָדער גלאַט אַ תּקיף בײַ זיך, וואָס האָט זיך פֿאַרמאָסטן אויף אַ קאַמף קעגן דעם מעכטיקן פּריץ זאַבעלאָ — דערויף קענען אונדז די אָפּיציעלע אַקטן קײַן תּשובֿה ניט געבן. פֿאַר אונדז איז וויכטיק, אַז ער איז געווען דער ערשטער ייִדישער פּאָליטישער קעמפֿער אין ר. כלאַנד, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר די פּויערשע אינטערעסן און האָט דערפֿאַר באַצאָלט מיט סיביר. צו יענער צײַט איז שוין מאַרקוס געווען ניט קיין יונגער מאַן.

פֿון דער גרויסער צאָל אַקטן וועגן דעם ענין נעמען מיר אַרויס נאָר צוויי כאַראַקטעריסטישע דאָקומענטן: 1) די שריפֿטלעכע באַפֿולמעכטיקונג, וואָס די פּויערים האָבן אויסגעשטעלט מאַרקוסן אין 1813 צו פֿירן זייער סיכסוך מיטן פּריץ זאַבעלאָ (פּויליש), און 2) דעם ראַפּאָרט פֿון ראַסיינער שטאָטישן ריכטער צום ווילנער ציוויל-גובערנאַטאָר פֿון 1824 וועגן דעם בונט וואָס די פּויערים האָבן אויפֿגעהויבן, בעת מען האָט געוואָלט אַרעסטירן מאַרקוסן[21] (רוסיש). די ביידע דאָקומענטן דרוקן מיר אין אָריגינאַל, איבערגעבנדיק אין ייִדיש אויספֿירלעך דעם אינהאַלט פֿון זיי.

## I

My Obywateli Miasteczka Wilki uprzylijowanego J e g o I m p e r a t o r s k i e y M o ś c i A l e x a n d r a I nam łaskawie panuiącego wiadomo czyniemy tym naszym pełnomocnym zapisem na osobę Star. Abrahama Leyby Mortchelowicza Obywatela Wilkiskiego wydanym, iż maiąc przez Dwor Wilkiski JW. Henryka Grafa Zabieły przywilije nasze od N a y i a ś n i e y s z y c h K r ó l ó w polskich nam nadane, zupełnie zniszczone — sami zaś zostawszy przez ten dwor wilkiski mimo moc naszych przywileiów, rozmaitemi ciężarami, iuż to robocizną, iuż to podatkami obarczeni, lub domagaliśmy iuż u tegoż Dworu na zasadach przywileiów naszych oparci, aby od wspomnionych nas ciężarów y nadużyciów uwolnił—gdy iednak winney nam w tey mierze od mówił sprawiedliwości, przedsięwzięwszy więc pod oycowską Nayiaśnieyszego Pana naszego M o n a r c h y udać się opiekę i w Jego naywyższych rządach szukać sprawiedliwości, od naszego wieku zostali obierani i stanowiemy naszym pełnomocnym plenipotentem wspomnionego J. Pana Abrama Leybę Mortchelowicza—który w Imieniu naszym skargi podawać, nanie rezolucye odbierać słowem cotylko interes i dobro miasta naszego i ocalenie naszych przywileiów wymagać będzie, my zaś wszyscy w ogul obywateli, wszystkie czyny, tak iakgdyby przez nas samych dopełnione były zaważne i nie poruszone przyiąć i trzymać obowiązuiemy się, waruiąc i to, iż gdyby ugoda z wpomienym Dworem przez nas bydź miała zawartą, tedy bez Star. Abrahama Leyby Mortchelowicza zawierać nie będziemy achociażby mimo nasz ten opis bez wiedzy iego oną zawarli, tedy mocy ninieyszey plenipotencyi zanieważną ma być uznaną. Na wzaiem wyż reczony Plenipotent kombinacyi nie może czynić bez nas niżey piszących się.

I na to wydaliśmy tę naszą Plenipotencyę z podpisem rąk własnych naszych. Dat. w Wilkii Miasteczku 1813 roku Apryla 15 dnia.

Na autentyku podpisali się (Podpisy).

Zgodno z Extraktem i xięgami—Antoni Juraho Regent ziemski.



---

21 מ ר דרוקן דעם דאָקומענט מיט דער פֿאַרגרײַזטער אָרטאָגראַפֿיע פֿון דעם אָריגינאַל.

Roku 1816 Miesiąca Februaryi Pierwszego dnia Przed Aktami Grodzkiemi Powiatu Kowieńskiego stawaiąc obecnie Starozakonny Takowy Dokument Plenipotencyi do akt podał.

Przyjął Alexander Konrad

Regent Grodzk. Kowieńsk.

(Archiwum Państw. w Wilnie K. G. G., r. 1824, N 174, str. 322).

אין דעם דאָקומענט ווערט געגעבן מאַרקוסן אַ כּוח-הרשאה פֿון די פּויערים צו פֿאַרטרעטן זייערע אינטערעסן פֿאַר די רוסישע מאַכטאָרגאַנען. זיי ווערן באַוואָלט פֿון דעם פּריץ זאַבעלאָ וואָס מאָנט פֿון זיי אַרבעט און אָפּצאָלונגען, בעת ווען זיי זײַנען דורך די פּריווילעגיעס פֿון די פּוילישע מלכים פֿון דעם באַפֿרײַט. איצט ווענדן זיי זיך צום רוסישן קיסר, ער זאָל באַשיצן זייער רעכט.

## II

Списокъ съ рапорта Росіенского Гродскаго Суда Судьи Клименса Г. Виленскому Гражданскому Губернатору отъ 3-го мая 1824-го Года за № 25.

За командировкою Росіенскаго Гродского Суда находился я по нынѣ въ мѣстечкѣ Вильки на пополненіе дѣла тамошнихъ крестьянъ и Евреевъ съ Графомъ Забеллою и Его Управителями взаимно сихъ послѣднихъ съ онными же производящегося. Сего же дня прибылъ въ Вильки заступающій мѣсто Росіенскаго Земскаго Исправника Засѣдатель Богдановичъ, когда за предложеніемъ Литовскаго Господина Военнаго Губернатора по предписанію Его Императорскаго Высочества Великаго князя Константина Цесаревича, взялъ подъ Арестъ Еврея Абрама Маркуса и Сына Его Хацкеля яко возмутителей, то въ 5-мъ часу послѣ обѣда Все вообще крестьяне Вилкискихъ Дѣревень и Мѣстечка Вильки збунтовавшись подъ предводительствомъ Казимира и Іосифа Володкѣвичей или Шпанских, Іосифа Калькѣвича, Матеуша Граевскаго, Андрея Мисевича, Фадея Зумера, Мартина Дербовскаго, Андрея Чансовскаго и прочихъ, напавъ въ пребольшой толпѣ, вооруженные въ кіи, колья, дубины, сабли и орудіе, на Домъ гдѣ содержались означенные Арестанты, двухъ стоявшихъ на караулѣ инвалидныхъ солдатъ крѣпко побили штыкъ казенный отъ одного изъ нихъ Матвея Паштутиса отняли, двери насильно выломали, окошки все повыталкивали, будущихъ на стражѣ въ срединѣ Сотскихъ и Десятскихъ тоже побивъ разогнали, Маркуса и его Сына окошкою выняли и неизвѣстно гдѣ увезли, но какъ слухъ носится будто-бы въ Санкт Петербургъ, напослѣдокъ, когда онъ, засѣдатель, хотѣлъ ихъ воздержать силою законовъ отъ дальнѣйшаго буйства и чрезвычайнаго Гвалта, то сіи же крестьяне не смотря на ничто, схвативъ Его между свою толпу, въ Головѣ нѣсколько пребольшихъ ранъ причинили, руки и ноги подбивали, и до сею степени привели, что не въ состояніи уже владѣть самъ собою съ опасностью жизни возвратился въ Росіены.

Видя налично сію Акцію угражающую и меня подобнымъ послѣдствіемъ— какъ все крестьяне взбунтовались до крайности — симъ рапортомъ осмѣливаюсь просить Вашего Превосходительства разрѣшенія какъ я Долженъ поступить въ такомъ случаѣ, ибо по выше объясненнымъ причинамъ я не въ состояніи исполнить даннаго мнѣ порученія.

Вѣрно. Секретарь (Подпись)

(Archiwum Państw. w Wilnie, K. G. G., r. 1824, Nr. 174, str. 35)

אין דעם ראַפּאָרט צום ווילנער גובערנאַטאָר מעלדעט דער ראַסיינער שטאָטריכטער קלימענס דעם 3טן מאַי 1824 (נר׳ 25), אַז ער איז געווען געשיקט פֿונעם שטאָטגעריכט אין שטעטל ווילקי אין שײַכות מיטן סכסוך צווישן די דאָרטיקע פּויערים און ייִדן מיטן גראַף זאַבעלאָ און זײַנע פֿאַרוואַלטערס. דעם זעלביקן טאָג איז קיין ווילקי אויך אָנגעקומען דער שטעל־פֿאַרטרעטער פֿונעם ראַסיינער זעמסקי איספּראַווניק באָגדאַנאָוויטש, וועלכער האָט אין שליחות פֿונעם ליטווישן מיליטער־גובערנאַטאָר אין לויטן באַפֿעל פֿון גרויספֿירשט קאָנסטאַנטין ארעסטירט די ייִדן אבֿרהם מאַרקוסן און זײַן זון כאַצקל, וואָס האָבן אָנגעהעצט די פּויערים, אָבער אַלע אײַנוווינער פֿון די ווילקיער דערפֿער און פֿון שטעטל ווילקי האָבן זיך צעבונטעוועט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אײניקע פּויערים (ווערן אויסגערעכנט די נעמען), און אַ גרויסער המון, באַוואָפֿנט מיט פֿלאָקנס, שטעקענער, שאַבלעס און אַנד׳ געווער, איז אָנגעפֿאַלן אויפֿן הויז, וווּ די אַרעסטירטע זײַנען געזעסן, צוויי סאָלדאַטן פֿון דער וואַך האָט מען שטאַרק צעשלאָגן, בײַ אײנעם האָט מען אָפּגענומען דעם באַגנעט, די טירן און פֿענצטער אויפֿגעבראָכן, די סטראַזשניקעס אינעווייניק אויך געשלאָגן און פֿאַרטריבן און מאַרקוסן מיט זײַן זון אַרויסגענומען דורכן פֿענצטער און אַוועקגעפֿירט מען ווייס ניט וווּהין — „עס הערן זיך קלאַנגען, אַז מ׳זאָל זיי האָבן אַוועקגעפֿירט קיין פּעטערבורג“. בעת דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿון דעם איספּראַווניק האָט דעם המון געוואָלט אײַנהאַלטן פֿון אומרוען אין נאָמען פֿון געזעץ, האָט דער המון אים אַרײַנגעשלעפּט אין מיטן און אים געשלאָגן, „אָנגעמאַכט עטלעכע גאָר גרויסע וווּנדן אין קאָפּ, איבערגעשלאָגן הענט און פֿיס“, אַזוי אַז ער האָט זיך אָן גאָרנישט מיט סכּנה פֿאַרן לעבן געמוזט אומקערן צוריק קיין ראַסיין. צום סוף בעט דער ריכטער אינסטרוקציעס, וואָס ער זאָל ווײַטער טון, מחמת ער איז ניט אין שטאַנד אויסצופֿירן די שליחות.

# די ערשטע ייִדישע דעלעגאַטן אויף די קאָנגרעסן פֿון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל

## I. ווער זײַנען געווען די ערשטע ייִדישע דעלעגאַטן? די פֿראַגע פֿון אַנטיסעמיטיזם אויף די קאָנגרעסן אין בריסעל 1891 און לאָנדאָן 1896

די ערשטע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זײַנען געווען פֿאַרטראָטן אויף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן, זײַנען געווען די לאָנדאָנער און די ניו־יאָרקער. שוין אויפֿן גרינדונגס־קאָנגרעס פֿונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אין פּאַריז 1889, זײַנען געווען צוויי ייִדישע דעלעגאַטן: פֿיליפּ קראַנץ (ראָמבראָ) — פֿונעם לאָנדאָנער „בערנער סטריט־קלוב"[1] און לוי מיללער (ל. באַנדעס) — פֿון די „פֿאַראייניקטע ייִדישע געווערקשאַפֿטן אין אַמעריקע". דער „בערנער סטריט־קלוב" האָט דעמאָלט אַרומגענומען הן אַנאַרכיסטן און הן סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און דער „אַרבעטער־פֿרײַנד", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, איז נאָך געווען אַן אומפּאַרטייִשע צײַטונג. הגם די גרעסטע מערהייט פֿון קלוב זײַנען געווען אַנאַרכיסטן, האָט אָבער זײַן דעלעגאַט פֿיליפּ קראַנץ, וואָס איז אויך געווען רעדאַקטאָר פֿון „אַרבעטער־פֿרײַנד", געהערט צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן.[2] עס איז ניט באַקאַנט, אַז ער זאָל האָבן צוגעשטעלט דעם קאָנגרעס אַ באַריכט אָדער זאָל האָבן אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע וועגן די ייִדישע אַרבעטער אין ענגלאַנד. לוי מיללער האָט יאָ אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן די ערשט געשאַפֿענע „ייִדישע געווערקשאַפֿטן אין אַמעריקע." דאָס איז געווען די ערשטע מיטטיילונג וועגן דער אויפֿגעקומענער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס די אימיגראַנטן האָבן געשאַפֿן, פֿאַר דער ברייטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער וועלט; קיין סך פּרטים וועגן דעם באַריכט ווייסן מיר ניט, ער ווערט נאָר דערמאָנט אין איין מקור און משמעות, אַז ער איז געווען זייער אַ קורצער, נאָר אַ מינדלעכער און זיכער ניט קיין געדרוקטער.[3]

---

[1] אייגנטלעך — פֿונעם „אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־בילדונגס־קלוב", געגרינדעט נאָוועמבער 1886 אויף בערנער־סטריט, לאָנדאָן, באַקאַנט דעריבער אונטערן נאָמען: דער בערנער־סטריט־קלוב.

[2] זע די סעריע אַרט' פֿונעם אַלטן ייִדישן אַנאַרכיסט ב. רודערמאַן: די ייִדיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד, געדר' אין ניו־יאָרקער „פֿרייע אַרבייטער־שטימע" פֿון סעפּטעמבער 1924 אין מיך פֿון איבער אַ יאָר (זע די ערשטע קאַפּיטלעך). דער מחבר באַהויפּט, אַז פֿ. קראַנץ האָט באַקומען פֿון קלוב אַ מאַנדאַט ניט צו שטימען פֿאַר סאָצ'־דעמאָקראַטישע פֿאָרשלאָגן און אָפּהאַלטן זיך, אָבער אויפֿן קאָנגרעס (וועלכער האָט זיך, ווי באַקאַנט, אָפּגעגרענעצט פֿון די אַנאַרכיסטן) האָט ער געשטימט מיט די סאָצ'־דעמאָקראַטן; נאָך דעם האָט ער צעריסן מיט די לאָנדאָנער אַנאַרכיסטן און איז געוואָרן אויס רעדאַקטאָר פֿונעם „אַרבייטער־פֿרײַנד".

[3] זע ה. בורגין, די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג (ניו־יאָרק 1915), ז' 166—167, וווּ עס ווערן געבראַכט קורצע אויסצוגן פֿון זײַן באַריכט. אויפֿן קאָנגרעס איז געווען נאָך איין דעלעגאַט פֿון די געווערקשאַפֿטן — דער זעצער יוסף באַרסקי, אָבער אָן אַן אָפֿיציעלן מאַנדאַט (דאָרטן, ז' 166, הערה). אין דער „ייִד' אַלג' ענציקלאָפּעדיע" (פּאַריז), ב' 2, ז' 395, איז על פּי טעות דורכגעלאָזט, אַז שוין אויפֿן פּאַריזער קאָנגרעס 1889 זײַנען געווען ייִדישע דעלעגאַטן.

אויפן צווייטן קאנגרעס, אין בריסעל 1891, איז פון די יידישע ארגאניזאציעס געווען נאר איין דעלעגאט — אב. ק א ה א ן, געשיקט ווידער פון די „פאראייניקטע יידישע געווערקשאפטן" אין אמעריקע בשותפות מיט אייניקע יידישע סעקציעס פון דער אמעריקאנישער „סאציאליסטישער ארבעטער-פארטיי" (דער א"ג „ס. ל. פ."). לאנדאן, ווו ס'האבן זיך דעמאלט אנגעהויבן די רייסערייען צווישן די אנארכיסטן און סאצ'-דעמאקראטן און ווו די אנארכיסטן זיינען געווען אין דער מערהייט, האט דאס מאל קיין דעלעגאט ניט געשיקט. וועגן דער באטייליקונג פון אב. קאהאנען האבן מיר שוין ניט דער ערד מער ידיעות, ווי וועגן זיינע פאריגייער אויפן פאריזער קאנגרעס.

אב. קאהאנס באטייליקונג אינעם בריסעלער קאנגרעס איז וויכטיק איבער צוויי טעמים: ער האט דא פארשפרייט א ג ע ד ר ו ק ט ב ל ע ט ל מיט א באריכט וועגן דער יידישער ארבעטער-באוועגונג אין אמעריקע, און דער עיקר: ער האט צום ערשטן מאל אויפן אינטערנאציאנאלן סאציאליסטישן קאנגרעס געשטעלט די יידישע פראגע און אריינגעטראגן א רעזאלוציע וועגן אנטיסעמיטיזם. די געשיכטע פון דער דאזיקער רעזאלוציע און די דעבאטן ארום איר זיינען ביז גאר כאראקטעריסטיש, הגם ניט ניי. גאנץ אויספירלעך ווערט דער עפיזאד באשריבן פון אב. קאהאנען גופא אין זיינע מעמוארן.[4] אבער מיר ווילן דא אויפקלערן דעם עפיזאד אויפן סמך אויך פון דער סאציאליסטישער פרעסע און ליטעראטור פון יענער צייט.

לויט דער פאדערונג פון אב. קאהאן — אײנגנטלעך פון די „יידישע פאראייניקטע געווערקשאפטן" — איז אריינגעשטעלט געווארן אין סדר-היום פון קאנגרעס א פונקט (דער פונקט 4): „ווי זאלן זיך די ארגאניזירטע ארבעטער פון אלע לענדער פארהאלטן צו דער יידן-פראגע?" אין בריסל האט אב. קאהאן געלאזט אפדרוקן „א קליינעם פלוגשריפט" מיט די וויכטיקסטע פאקטן און ציפערן וועגן דער יידישער ארבעטער-באוועגונג אין אמעריקע און וועגן די יידן-רדיפות אין אייניקע לענדער (רוסלאנד און רומעניע?). צום באדויערן איז די פלוגשריפט ניט אויפגעהיט געווארן, משמעות אויך ניט ביי אב. קאהאן, ווייל ער ציטירט זי ניט אין זיינע מעמוארן, אבער אן אויסצוג פון איר האבן מיר געפונען אינעם בערלינער „פארווערטס" פון יענע טעג (זע די מאטעריאלן צום סוף). ווי אב. קאהאן דערציילט, איז עס פאר א סך דעלעגאטן געווען אן „אנגענעמע איבערראשונג", אז עס עקסיסטירן יידישע ארבעטער, און דערצו ארגאניזירטע; זיי האבן אזוינס ניט חושד געווען און באמת נעגלייבט, אז „אלע יידן זיינען באנקירן"... דער „פונקט 4" האט ארויסגערופן א היפשע באאומרויקונג אין צוויי גאנץ פארשיידענע לאגערן: הן דער בריסעלער ראבינער דרייפוס[5] אין הן די יידישע פירער פון דער דייטשער און עסטרייכישער סאצ'-דעמאקראטיע, פאול זינגער און וויקטאר אדלער,[6] זיינען געווען שטארק אומצופרידן מיט קאהאנען, וואס ער שטעלט אויפן קאנגרעס די יידן-פראגע און דירט אן אזא געפערלעכע טעמע. זינגער און אדלער האבן געפרווווט מיט אלע מיטלען צו ווירקן אויף אים, ער זאל זיך פון דער „טאקטלאזיקייט" אפזאגן און ניט געבן די אנטיסעמיטן קיין פתחון-פה, אז דער „קאנגרעס נעמט די יידן אונטער זיין שוץ"; אויך ווילהעלם ליבקנעכט האט אים באשולדיקט, אז אומזיסט האט ער „פארקאכט די קאשע". אב. קאהאן איז אבער געבליבן ביי זיינס, איז ארויסגעטראטן מיט א רעדע און אריינגעטראגן א רעזאלוציע, דער קאנגרעס זאל פראטעסטירן קעגן אנטיסעמיטיזם. „ניט אלס ייד, נאר אלס ארבעטער, אלס פארשטייער פון יידיש-רעדנדיקע ארבעטער", האט ער געפאדערט גלייכע רעכט פאר דער באהאנדלונג פון דער יידן-פראגע, האט אנגעוויזן אויף די רדיפות, פאגראמען און רעכטלאזיקייט פון די יידן, אויף די אנטיסעמיטישע אטאקעס פון דער פרעסע אין רוסלאנד, האט גערופן די דעלעגאטן צו באגריסן חבריש די ארגאניזירטע יידישע ארבעטער און דערקלערן, אז זיי „פארדאמען יעדע פארם פון יידן-פער-

---

[4] א ב. ק א ה א ן, בלעטער פון מיין לעבן (ווילנער אויסגאבע 1928), ב' 3, אין פינפטן קאפיטל. בקיצור זע אויך ביי ה. ב ו ר ג י ן, דצ"וו, ז' 324.

[5] שפעטער אויבער-ראבינער אין פאריז.

[6] וויקטאר אדלער איז, ווי באקאנט, געווען געשמדט.

פֿאָלגונגען״, און דערמיט צוגעבן מוט די ייִדן אין זייער אָנטייל אינעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַרישן קאַמף.[7] אין דעם זינען האָט ער אויך אַרײַנגעטראָגן זײַן רעזאָלוציע.

דער טעקסט פֿון אַב. קאַהאַנס רעזאָלוציע איז צו אונדז ניט דערגאַנגען, און אויך ער גופֿא, אין זײַנע מעמואַרן, ברענגט זי ניט. די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון קאָנגרעס, וואָס זײַנען געווען קעגן קאַהאַנס פֿאָרשלאָג, האָבן דורכן באַקאַנטן בעלגישן סאָציאַליסט וואָלדערס אַרײַנגעטראָגן אַן א נ ד ע ר רעזאָלוציע, וואָס פֿאַרמשפּט טאַקע די אַנטיסעמיטישע אָנפֿאַלן, אָבער האַלט בכלל פֿאַר „איבעריק צו באַטראַכטן די פֿראַגע״. קעגן די ביידע רעזאָלוציעס זײַנען פּלוצים אַרויס אין אַ שאַרפֿן טאָן צוויי מיטגלידער פֿון דער פֿראַנצייזישער דעלעגאַציע: דער פּאַריזער אַדוואָקאַט אַרזשיריאַדעס (אַ גריך לויט זײַן אָפּשטאַם) און ד״ר רעניאַר. אַרזשיריאַדעס האָט אָנגעוויזן, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אויך י י ִ ד י ש ע עקספּלואַטאַטאָרס — ייִדישע באַנקירן, און אַז חוץ אַנטי־סעמיטישע העצעריַיען, „זײַנען אויך דאָ פֿ י ל אָ ס ע מ י ט י ש ע העצערײַען קעגן אַנדערע פֿעלקער לטובֿת די ייִדן״; ער האָט דעריבער געפֿאָדערט, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך אַרויסזאָגן אויך קעגן זיי. לערך אין דעם זעלביקן גײַסט האָט זיך אַרויסגעזאָגט אויך דער צווייטער רעדנער, רעניאַר. עס האָט זיך פֿאַרקאָכט אַ הייסע און טומלדיקע דעבאַטע, אַב. קאַהאַן האָט געענטפֿערט די אָפּאָנענטן „אין אַ טאָן פֿון ערשטוינונג און ענטריסטונג״, ווי ער שרײַבט, און לסוף איז ווי אַ קאָמפּראָמיס אָנגענומען געוואָרן די „אויסבעסערונג״ פֿון אַרזשיריאַדעס וועגן פֿאַרמשפּטן ניט בלויז די אַנטיסעמיטישע, נאָר אויך די „פֿילאָסעמיטישע העצערײַען״... ווי מיר דערוויסן זיך פֿון אַן אַנדער מקור, האָבן קעגן דער אויסבעסערונג געשטימט די דײַטשע דעלעגאַטן, געשטימט קעגן איר האָט געוויס אויך אַב. קאַהאַן.[8] וועגן די אַנדערע ווייסן מיר ניט; די מערהייט אָבער האָט די דאָזיקע „אויסבעסערונג״ אָנגענומען.

אַב. קאַהאַן שרײַבט, אַז די פֿראַנצייזישע דעלעגאַטן „האָבן גערעדט מער אָדער ווייניקער אין אַן אַנטיסעמיטישן זין״; „איך בין אָפּהענטיק געוואָרן. עס האָט זיך מיר פּשוט ניט געגלייבט. איך בין געקומען מיט אַ האַרץ פֿול מיט אינטערנאַציאָנאַלער ליבע״...[9] מיר מיינען אָבער, אַז די מ ע ר ה י י ט, וואָס האָט פֿאַרלאַנגט אַ קאַמף אויך קעגן „פֿילאָסעמיטישע העצערײַען״, האָט דאָס געטאָן ניט מחמת אַנטיסעמיטיזם, נאָר מחמת דעם שרעקלעכן פּלאָנטער, וואָס האָט געהערשט אין די מוחות פֿון די מערבֿ־אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטן בנוגע דער ייִדן־פֿראַגע. זיי האָבן געהאַט אַ פֿאָרשטעלונג וועגן ייִדן ווי וועגן אַ פֿאָלק פֿון באַנקירן, האָבן געזען פֿאַר די אויגן די שפּיצן פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע אין די מערבֿ־אייראָפּעיִשע צענטערס און לחלוטין ניט באַמערקט די ברייטע מאַסע אָרעמע און האָרעפּאַשנע ייִדן אין מזרח־אייראָפּע און אַמעריקע. אויף דעם דאָזיקן פּלאָנטער האָט אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אָנגעוויזן נאָר איין אָרגאַן — דער רוסישער „סאָציאַל־דעמאָקראַט״, וואָס פּלעכאַנאָוו און אַקסעלראָד האָבן אַרויסגעגעבן אין זשענעווע, אין אַן אַרטיקל קעגן דער אין בריסעל אָנגענומענער רעזאָלוציע. גאַנץ אַנדערש האָבן דערויף רעאַגירט די מערבֿ־אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען. אַזוי למשל האָט די האָלענדישע סאָציאַליסטישע צײַטונג „רעכט פֿאָאָר אַללען״ געגעבן אַ באַריכט וועגן קאָנגרעס פֿון איינעם פֿון די האָלענדישע סאָציאַליסטישע טוער, וווּ עס ווערט נאָר בדרך אַגבֿ דערמאָנט דער עפּיזאָד מיט דער רעזאָלוציע,[10] און אַ ביסל שפּעטער — אַן אַרטיקל פֿון

---

7 דעם טעקסט פֿון דער רעדע זע אַ ב. ק אַ ה אַ ן, דצ״ו, ז׳ 164—165.

8 אין דער האָלענדישער סאָציאַליסטישער צײַטונג „רעכט פֿאָאָר אַללען״ (זע ווײַטער) ווערט באַהויפּט, אַז אַב. קאַהאַן האָט געשטימט פֿ אַ ר דער פֿראַנצייזישער אויסבעסערונג (1891, נו׳ 200 פֿון 26 אויגוסט), אָבער דאָס מוז זײַן אַ טעות, מחמת ער איז געווען קעגן איר און וואָלט אויך ניט געשטימט אַנדערש ווי די דײַטשע דעלעגאַציע.

9 אַ ב. ק אַ ה אַ ן, דצ״ו, ז׳ 170.

10 דער אָרגאַן הייסט „Recht voor Allen" (האַג); דער אַרט׳ האָט דערשינען אין נו׳ 196, פֿון 21 אויגוסט 1891, געחתמעט .CE (פּסעוודאָנים פֿון קאָרנעליס, איינער פֿון די רעדאַקטאָרן; וווינט איצט אין פּאַריז).

אַן אַנדער טועה, וועלכער פֿאַלט אָן אויף דער דײַטשער דעלעגאַציע, וואָס האָט געשטימט קעגן דער הוספֿה וועגן „פֿילאָסעמיטישע העצערײַען" און דערמיט „געשטעלט די יידישע ראַסע העכער פֿון דער אַרישער"...[11] אָפּקלאַנגען אויף דער רעזאָלוציע האָבן זיך באַוויזן אויך אינעם דײַטשן „פֿאָרווערטס" און אין דעם ספּעציעלן באַריכט פֿון קאָנגרעס, וואָס דער „פֿאָרווערטס" האָט אַרויסגעגעבן, אָבער דער סך־הכּל ווערט דאָ בכלל ניט דערמאָנט און די גאַנצע פֿראַגע איז אַזוי ווי מיט אַ כּיוון פֿאַרווישט.[12] כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אין דער ניו־יאָרקער „אַרבייטער־צײַטונג", אין דער איינציקער סאָציאַליסטישער יידישער צײַטונג, וואָס האָט דעמאָלט דערשיינט און וואָס אַב. קאַהאַן איז געווען איר רעדאַקטאָר, איז דער גאַנצער עפּיזאָד אין גאַנצן פֿאַרשוויגן געוואָרן: אַב. קאַהאַן האָט זיך פּשוט געשעמט צו דערציילן פֿאַר די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, ווי דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויפֿגענומען זייער פֿאָרשלאָג וועגן אַ פּראָטעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם.[13] מיר הערן ניט וועגן אַן אָפּקלאַנג אויך אין די צווייי דעמאָלטיקע אַנאַרכיסטישע יידישע אָרגאַנען, אינעם לאָנדאָנער „אַרבייטער־פֿרײַנד" און ניו־יאָרקער „פֿרײַע אַרבייטער־שטימע": די אַנאַרכיסטן זײַנען געווען געגנער פֿונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און האָבן אים בכלל פֿאַרשוויגן.

אין דעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל אין רוסישן „סאָציאַל־דעמאָקראַט" קריטיקירט דער מחבר[14] די שטעלונג פֿון קאָנגרעס, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַטראַכטן די פֿראַגע פֿון אַנטיסעמיטיזם אין תּוך, און ווײַזט אָן אויף דער אומגעלומפּערטקייט פֿון דער אָנגענומענער רעזאָלוציע, ווו פֿילאָסעמיטיזם ווערט געשטעלט אויף איין מדרגה מיט אַנטיסעמיטיזם; ער דריקט אויס די האָפֿענונג, אַז אויפֿן קומענדיקן קאָנגרעס וועלן די דעלעגאַטן פֿון רוסלאַנד און רומעניע „פֿאָדערן אַ רעוויזיע פֿון דעם באַשלוס" (זע ווײַטער).

די דאָזיקע קלאָרע שטעלונג פֿון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿירער, וואָס זײַנען מער ווי די אַנדערע געווען באַקאַנט מיטן יידישן מצבֿ און מיטן מהות פֿון אַנטיסעמיטיזם, האָט ניט געקענט אויסגעדריקט ווערן אויפֿן בריסעלער קאָנגרעס גופֿא, מחמת די רוסישע ס״ד איז אויף דעם קאָנגרעס ניט געווען בכלל פֿאַרטראָטן, און די פֿאָרשטייער פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטן (מענדעלסאָן!) האָבן זיך אין דער דעבאַטע ניט אַרײַנגעמישט. אויפֿן דריטן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין ציריך 1893, ווו פּלעכאַנאָוו האָט פֿאַרטרעטן די רוסישע ס״ד, איז די רעזאָלוציע וועגן דער יידן־פֿראַגע ניט רעווידירט געוואָרן. אַזאַ רעוויזיע האָט אויך ניט געפֿאָדערט אַב. קאַהאַן, וואָס איז ווידער געווען דעלעגירט פֿון די „יידישע געווערקשאַפֿטן" צום קאָנגרעס. דערפֿאַר אָבער האָט זיך די דאָזיקע פֿראַגע געשטעלט, און גאַנץ אָפֿן, אויפֿן פֿערטן קאָנגרעס, אין 1896 אין לאָנדאָן (פֿון 27סטן יולי ביזן 1טן אויגוסט), אָבער דאָס מאָל איז זי געקומען גאָר פֿון אַן אַנדער זײַט. די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע „לומינאַ" אין רומעניע (יאַס) האָט צוגעשטעלט דעם קאָנגרעס אַ געדרוקטן באַריכט וועגן דער יידיש־רומענישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועגן דעם עקאָנאָמיש־פּאָליטישן מצבֿ און דער יידישער רעכטלאָזיקייט אין רומעניע און קלאָר אָנגעוויזן, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז „שטאַרק פֿאַראינטערעסירט, אַז עס זאָל פֿאַרענטפֿערט ווערן די יידישע פֿראַגע", און

---

11 דאָרטן, נו׳ 200, פֿונעם 26סטן אויגוסט 1891, מחבר — באַרנעקאָוו.

12 נאָר אין נו׳ 199, פֿון 27סטן אויגוסט 1891, ווערט סתּם געזאָגט: „דער סאָציאַליזם האָט דערקלערט אַ קאַמף דעם געמלטן, פּונקט ווי דעם ניט־געמלטן קאַפּיטאַל; ער לאַכט אויס און פֿאַראַכט די ווילדע געגנג הן פֿון די שטעקערס און הן פֿון די אַגענטן און טעלערלעקערס פֿון די ראָטשילדס. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט גיין אויפֿן זעלביקן וועג, ווי די אַנדערע פּראָלעטאַריער, זײַנע ברידער פֿון איין גורל" (לײַטאַרטיקל: „אַ נאָכוואָרט צום בריסעלער קאָנגרעס").

13 פֿ״גל אַב. קאַהאַן, דצ״וו, ז׳ 164, הערה.

14 דער אַרט׳ איז אַן אַנאָנימער, אָבער פֿון אַ פּריוואַטן מקור איז אונדז באַקאַנט, אַז זײַן מחבר איז געווען ג. פּלעכאַנאָוו. זע ז״ב „Социал-Демократ" ב׳ 4, זשענעווע 1892, ז׳ 105—108 (אין צווייטן טייל).

דעריבער דאַרף דער קאָנגרעס עפֿענען וועגן דעם אַ דיסקוסיע, אין צוזאַמענהאַנג מיטן פֿאָרשלאָג פֿון דער פֿראַנצייזישער אַרבעטער-פּאַרטיי און די אויספֿירן פֿון זשאָרעסן, און „אויסדריקן זײַן שטעלונג לגבי דעם ייִדישן פֿאָלק אין רומעניע אַזוי ווי לגבי אַלע אונטערדריקטע פֿעלקער".[15] פֿאַקטיש איז דער דאָזיקער באַריכט געווען אַ שאַרפֿער אָנקלאָג קעגן די אַנטיסעמיטישע טענדענצן אין דער רומענישער סאָצ׳-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

די ייִדישע גרופּע „לומינאַ" האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו שיקן אירע דעלעגאַטן צום קאָנגרעס, אָבער איר צוגעשטעלטער באַריכט איז באַהאַנדלט געוואָרן, און דאָס מאָל האָבן זיך די פֿראַנצייזישע פֿאָרשטייער גאַנץ אַנדערש באַצויגן ווי זייערע פֿאָרגייער מיט פֿינף יאָר צוריק אין בריסל. דאָס איז געווען דער פֿאַרדינסט פֿון זשאָרעסן (וואָס איז אַגבֿ צום ערשטן מאָל געווען דעלעגאַט אויפֿן קאָנגרעס), וועלכער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע וועגן די אונטערדריקטע פֿעלקער און אָפֿן אָנערקענט די ריכטיקייט פֿון די פֿאָדערונגען, וואָס די „לומינאַ" האָט פֿאָרמולירט בנוגע דער שטעלונג צו דער ייִדן-פֿראַגע. מיט אַן ענטפֿער איז אויפֿן קאָנגרעס אַרויסגעטראָטן דער פֿירער פֿון די רומענישע סאָצ׳-דעמאָקראַטן אַטאַנאַסיו, וועלכער האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן דעם.[16] צום באַדויערן זײַנען מער קיין פּרטים וועגן די ביידע אַרויס-טרעטונגען ניט באַקאַנט. אין די געדרוקטע באַריכטן וועגן לאָנדאָנער קאָנגרעס, וואָס האָבן דערשינען אין ענגליש און דײַטש, ווערט וועגן דעם עפּיזאָד קיין וואָרט ניט דערמאָנט; וועגן דעם ווערט אויך ניט דערמאָנט אין דער פּאַריזער צײַטונג „La Petite République", הגם זשאָרעס איז געווען איר רעדאַקטאָר, און מיר ווייסן אַפֿילו ניט, צי איז די פֿראַגע באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַן עפֿנטלעכער זיצונג אָדער אין אַ קאָמיסיע.[17] מיר הערן אויך ניט, אַז פֿאַר דער פֿאָדערונג פֿון „לומינאַ" זאָלן זיך האָבן אַרויסגעזאָגט די דעלעגאַטן פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין אַנדערע לענדער, ווי למשל — פֿון רוסלאַנד, וואָס זײַנען שוין דאָס מאָל געווען פֿאַרטראָטן (זע ווײַטער) און די דעלעגאַטן-ייִדן פֿון די אַלגעמיינע פּאַרטייען.

## II. די ערשטע מאַנדאַטן פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין רוסלאַנד אויפֿן לאָנדאָנער קאָנגרעס 1896

די ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס פֿון רוסלאַנד זײַנען צום ערשטן מאָל געווען פֿאַרטראָטן ערשט אויפֿן לאָנדאָנער קאָנגרעס 1896. אויך די רוסישע אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס האָט זיך ערשט דעמאָלט גענומען אַנטוויקלען, איז נאָך געשטאַנען איזאָלירט פֿונעם אינטערנאַציאָנאַל. סימבאָליזירט פֿאַר דער אויסנווייניקסטער וועלט דעם רוסישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן געדאַנק האָבן די פֿירער פֿון דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ", וואָס האָבן געלעבט אין דער עמיגראַציע; זיי האָבן פֿאָרגעשטעלט רוסלאַנד אויף די אינטערנאַציאָנאַלע

---

15 זע אַרט׳ פֿון ד״ר י. קיסמאַן וועגן דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רומעניע, אויבן אין דעם באַנד.

16 אין די באַריכטן ווערט אַגבֿ דערציילט, אַז צו דער רעזאָלוציע וועגן דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פֿונעם אַרבעטער-קלאַס איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן מצד די „אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער" (פֿאָרשטייער פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען) אַן אויסבעסערונג: „דער קאָנגרעס זאָגט זיך אַרויס קעגן אַלע געזעצן, וואָס שטרעבן צו באַגרענעצן די אימיגראַציע".

17 אויפֿן ערשטן קאָנגרעס אין פּאַריז 1889 האָט ג. פּלעכאַנאָוו פֿאַרטראָטן די גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ", דערבײַ איז ספּעציעל אָנגעוויזן געוואָרן, אַז קיין פֿאָרמעלע פֿולמאַכט פֿון רוסלאַנד האָט ער ניט; איבער דעם טעם האָט די גרופּע גאָר ניט געשיקט קיין דעלעגאַט צום צווייטן קאָנגרעס אין בריסל 1891; אויפֿן דריטן, אין ציריך 1893, האָט פּלעכאַנאָוו פֿאַרטראָטן די רוסישע סאָצ׳-דעמאָקראַטן, און אויפֿן לאָנדאָנער קאָנגרעס 1896 האָבן פּ. אַקסעלראָד און ווערא זאַסוליטש שוין געהאַט אָפֿיציעלע פֿולמאַכטן פֿון די רוסישע ס״ד-גרופּעס.

קאָנגרעסן מער אינדיווידועל און ניט ווי אָפיציעל אויסגעקליבענע דעלעגאַטן.[18] דעלעגאַטן האָבן רעגולער אויף אַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן, נאָך פון אָנהייב די 80ער יאָרן, געהאַט נאָך די פ ו י ל י ש ע סאָציאַליסטן פון רוסלאַנד,[19] — אַזוי אַז די סאָציאַליסטישע וועלט איז געווען אינפאָרמירט וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּוילן, אָבער האָט כמעט קיין השגה ניט געהאַט וועגן דער באַוועגונג פון די רוסישע אַרבעטער און נאָך ווייניקער — פון די ייִדישע.

אין אַ בריוו צו ישׂראל פּעסקין קלאָגט זיך פּאַוועל אַקסעלראָד אין 1893, אַז די אַרבעטער־גרופּעס אין רוסלאַנד זאָרגן ניט וועגן אַ קאָנטאַקט מיט די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און „שיקן אַפילו ניט צו קיין אַדרעס מיט אַן אויסדרוק פון סאָלידאַרישקייט", בעת די פּוילישע שיקן יאָ צו זייערע דעלעגאַטן און באַריכטן; „שוין צײַט צו באַווײַזן אונדזערע אייראָפּעיִשע חבֿרים, אַז די רוסישע אַרבעטער, ווי אויך די רוסיש־ייִדישע, זײַנען שוין מער ניט קיין אַזיאַטן... און זײַנען גרייט צוצושטיין צו דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער אַרמיי".[20] אין אַ שפּעטערדיקן בריוו, פון 1896, ערבֿ דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס, געשריבן צו די רוסישע סאָצ׳־דעמאָקראַטן אין מאָסקווע, קלאָגט זיך אַקסעלראָד ווידער, אַז די רוסן שטייען מן הצד פון דעם אינטערנאַציאָנאַל; די מאָסקעווער און פּעטערבורגער אַרבעטער האָבן אין מערץ 1896 צום ערשטן מאָל צוגעשיקט אַדרעסן צום 25סטן יאָרטאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע. „און דאָס איז — שרײַבט אַקסעלראָד — אַ פֿײַנע התחלה, דער ערשטער טריט אויף דעם וועג".[21]

אַקסעלראָדן איז משמעות געבליבן אומבאַקאַנט, אַז די י י ִ ד י ש ע אַרבעטער אין תּחום האָבן געמאַכט די התחלה נאָך פריִער. וועגן דער מתּנה און ווענדונג פון די ייִדיש־רוסישע סאָציאַליסטן צו פרידריך ענגעלסן אין 1893 ווערט בײַ אונדז דערציילט ווײַטער אין אַ נאָטיץ.[22] אין יולי 1895 — דערציילט מאַרטאָוו אין זײַנע זכרונות וועגן דער ווילנער תּקופֿה — „האָבן מיר באַקומען אַ טרויעריקע ידיעה וועגן טויט פון פרידריך ענגעלסן. מיר האָבן פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג פון עטלעכע צענדליק מער אָנגעזעענע אַרבעטער, אויף וועלכער עס זײַנען געליײענט געוואָרן רעדעס וועגן ענגעלס׳ לעבן און זײַן ראָלע אין דער געשיכטע פון אינטער־נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. איך האָב געמאַכט אַ פאָרשלאָג צו באַנוצן זיך מיט דער פאַרזאַמלונג בכדי צו לאָזן וויסן די מערבֿ־אייראָפּעיִשע חבֿרים וועגן אונדזער טעטיקייט. לויט מײַן פאָרשלאָג איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אַדרעס צום פאָרשטאַנד פון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיטן אויסדרוק פון מיטגעפיל אין נאָמען פון די פאַרטרעטער פון 1000 אָרגאַניזירטע [ייִדישע] אַרבעטער און אַרבעטערינס" אין 27 פּראָפעסיאָנעלע קאַסעס. צוליב קאָנספּיראַציע האָט מען דעם נאָמען פון דער שטאָט (ווילנע) ניט אָנגערופן, נאָר געשריבן: „אין אַ שטאָט פון דער צפֿון־מערבֿדיקער געגנט."

די ייִדישע אַרבעטער פון תּחום האָבן אין דעם זעלביקן יאָר (1895) אויך באַגריסט די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי צו איר צוזאַמענפאָר אין ברעסלע. זיי האָבן זיך אויך

---

18 נאָך אין 1881, אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ אין כור (שווייץ), האָבן די פּוילישע סאָציאַליסטן געהאַט דרײַ דעלעגאַטן (דלוסקי, לימאַנאָווסקי און וואַרינסקי — די שפּעטערדיקע גרינדער פון „פּראָלעטאַריאַט"); זיי האָבן אויך שטענדיק געהאַט זייערע דעלעגאַטן אינעם באַנײַטן אינטער־נאַציאָנאַל.

19 זע דאָס בוך Из архива П. Б. Аксельрода (בערלין 1924), ז׳ 237 א״וו, אַ בריוו צו י. פּעסקינען. ישׂראל פּעסקין, פון דער וואַרשעווער ס״ד גרופּע, וועלכע איז באַשטאַנען דאָס רובֿ פון ייִדישע סטודענטן, האָט זיך אין 1893 פון בעלגיע געווענדט צו אַקסעלראָדן מיט אַ בריוו וועגן דער סאָצ׳־דעמאָקראַטישער אַרבעט אין נאָמען פון דער גרופּע. ישׂראל פּעסקין איז דער שפּעטער באַקאַנטער „מענשעוויק" סאָמאָוו; וווינט איצט אין פּאַריז (זע אויך ווײַטער די נאָטיץ וועגן דער ווענדונג פון די ייִדישע סאָציאַליסטן צו ענגעלסן).

20 דאָרטן, ז׳ 244, אַקסעלראָדס בריוו צום ס״ד קרײַזל אין מאָסקווע פון 1896.

21 י. מ אַ ר ט אָ ו ו, Записки социалдемократа (בערלין 1922), ז׳ 248.

22 זע ווײַטער ז׳ 798—800.

По порученію варшавскаго еврейскаго социалдемократическаго Союза

ГРУППА „ОСВОБОЖДЕНІЕ ТРУДА" проситъ

Павла Аксельрода

представлять этотъ Союзъ на Лондонскомъ международномъ рабочемъ социалистическомъ конгрессѣ 1896 года.

За группу „Освобожденіе Труда"

Вѣра Засуличъ.

45

---

... еврейскаго социалъ-демократическаго Союза въ г. Сморгони

ГРУППА „ОСВОБОЖДЕНІЕ ТРУДА" проситъ

Вѣру Засуличъ

представлять этотъ Союзъ на Лондонскомъ международномъ рабочемъ социалистическомъ конгрессѣ 1896 года.

За группу „Освобожденіе Труда"

Г. Плехановъ.

---

По порученію социалдемократическихъ представителей около тысячи рабочихъ города Минска

ГРУППА „ОСВОБОЖДЕНІЕ ТРУДА" проситъ

Розалію Плеханову

представлять этотъ Союзъ на Лондонскомъ международномъ рабочемъ социалистическомъ конгрессѣ 1896 года.

За группу „Освобожденіе Труда"

Вѣра Засуличъ

מאַנדאַטן פֿון די ייִדישע ס״ד-גרופּעס אין רוסלאַנד צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן 1896

(פֿאַר װערא זאַסוליטש, ראָזאַליאַ פּלעכאַנאָװ און פּאַװעל אַקסעלראָד)

אָפּגערופֿן אויפֿן יאָרטאָג פֿון דער פּאַריזער קאָמונע. אויפֿן קבֿר פֿון די קאָמונאַרן איז אין זייער נאָמען געלייגט געוואָרן אַ קראַנץ מיט אַן אויפֿשריפֿט: „די געפֿאַלענע קאָמונאַרן — פֿון די סאָצ׳־דעמאָקראַטישע פֿאָרשטייער פֿון 32 ייִדישע אַרבעטער־פֿאַראיינען. אַראָפּ מיט דער רוסישער זעלבסטהערשאַפֿט! לעבן זאָל די סאָציאַלע רעוואָלוציע!"[23]

אַ דאַנק די ייִדישע דעלעגאַטן פֿון אַמעריקע אויף די פֿריִערדיקע קאָנגרעסן, האָט די סאָציאַליסטישע וועלט שוין געהאַט אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג וועגן דער אַמעריקאַנער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, אָבער וועגן אַ באַוועגונג צווישן ייִדישע אַרבעטער אין רוסלאַנד איז איר נאָך גאָר ניט אויסגעקומען צו הערן.[24] צום מאָמענט פֿון דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס 1896 איז די ייִדישע באַוועגונג אין תּחום ברייט אויסגעוואַקסן, און די צענטראַלע ווילנער „גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד" האָט צוגעשיקט צום קאָנגרעס אַן אויספֿירלעכן באַריכט וועגן דעם קאַמף פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין תּחום.[24a] היות ווי שיקן אייגענע דעלעגאַטן פֿון רוסלאַנד איז איבער קאָנספּיראַטיווע טעמים געווען אוממעגלעך, האָבן די פֿירער פֿון דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" אין אויסלאַנד באַקומען מאַנדאַטן צו פֿאַרטרעטן אויך די ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס: אַזעלכע מאַנדאַטן זײַנען צוגעשיקט געוואָרן פֿון ווילנע, וואַרשע, סמאָרגאָן און מינסק. אין אַרכיוו פֿון Союз русск. соц.-демократов זײַנען געפֿונען געוואָרן די אָריגינאַלן פֿון די דאָזיקע אָפֿיציעלע מאַנדאַטן, פֿון וועלכע מיר גיבן ווײַטער, צום ערשטן מאָל, אַ פֿאָטאָגראַפֿיע. די מאַנדאַטן זײַנען: פֿונעם „וואַרשעווער ייִדיישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פֿאַראיין" — פֿאַר פּ. אַקסעלראָדן, פֿונעם „ייִדישן סאָצ׳־דעמאָקראַטישן פֿאַראיין אין סמאָרגאָן" — פֿאַר ווערא זאַסוליטש און פֿון די „סאָצ׳־דעמאָקראַטישע פֿאָרשטייער פֿון לערך טויזנט אַרבעטער אין דער שטאָט מינסק" — פֿאַר ראָזאַליאַ פּלעכאַנאָוו (פּלעכאַנאָווס פֿרוי). דער פֿערטער מאַנדאַט, גראָד פֿון ווילנע, וווּ ס׳איז געווען די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע, פֿעלט אין אַרכיוו.[25]

די דאָזיקע מאַנדאַטן זײַנען דער ערשטער דאָקומענטאַלער אויסדרוק פֿון דער באַהעפֿטונג צווישן דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די ווײַטערדיקע רעגולערע פֿאַרבינדונגען זײַנען שוין געגאַנגען דורכן „בונד".

א. טשער.

---

23 באַריכט פֿון דער „גרופּע ייִדישע סאָצ׳־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד" צום לאָנדאָנער קאָנגרעס, אין אַרכיוו פֿון „בונד" (פּאַריז); שטאַרק פֿאַרגרײַזט און אונטער אַן אַנדער נאָמען איז דער באַריכט אָפּגעדרוקט אינעם ז״ב „די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אױף ייִדיש" (מינסק 1935), ז׳ 37—70; אויך אין דער רוס׳ אָפּטײלונג. אַגבֿ איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די צאָל אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער אין תּחום איז צו יענער צײַט געווען אַ סך אַ גרעסערע, ווי די צאָל אָרגאַניזירטע רוסישע אין מאָסקווע אָדער פּעטערבורג: אונטער דעם אַדרעס פֿון די מאָסקווער אַרבעטער, למשל, וועגן דער פּאַריזער קאָמונע זײַנען געווען 605 חתימות פֿון אַרבעטער פֿון 28 פֿאַבריקן, און אין ווילנע אַליין זײַנען געווען איבער 1000, אַ ביסל ווייניקער — אין מינסק, די זעלביקע צאָל, און אפֿשר מער, אין וואַרשע און סמאָרגאָן.

24 ה. בורגין, אין זײַן געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג (ניו־יאָרק 1915), שרײַבט, אַז שוין אויפֿן ערשטן קאָנגרעס אין פּאַריז 1889 זײַנען לואי מיללער און באַרסקי פֿון אַמעריקע און פֿיליפּ קראַנץ פֿון לאָנדאָן אַרײַנגערעכנט געוואָרן אויך צווישן די דעלעגאַטן פֿון רוסלאַנד, און בכן איז די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע און ענגלאַנד „באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ טייל פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד" (ז׳ 167).

24a וועגן דעם דאָזיקן וויכטיקן באַריכט זע אויספֿירלעכער אויבן אין אַרט׳ פֿון א. טשעריקאָווער וועגן דער אומלעגאַלער ליטעראַטור אין ייִדיש.

25 אין באַריכט פֿון „בונד" צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין פּאַריז 1900 ווערט בקיצור דערמאָנט וועגן דער פֿאַרטרעטונג פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין לאָנדאָן 1896 (זע „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרב׳־באַוועגונג" רוס׳, פּעטערבורג 1906, ז׳ 57). דערבײַ איז אָנגעוויזן, אַז אין די פֿיר דערמאָנטע שטעט זײַנען געווען איבער 3000 אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער. אין אַרכיוו פֿונעם רוסישן ס״ד „סאָיוז" איז פֿאַראַן אויך אַ מאַנדאַט פֿאַר אַקסעלראָדן פֿון די ליטווישע (ניט־ייִדישע) אַרבעטער אין ווילנע, מינסק און סמאָרגאָן — בסך־הכּל פֿון 170 אַזעלכע אַרבעטער אין די אַלע דרײַ שטעט...



מאַטעריאַלן צו דער פֿראַגע: 1) אויסצוג פֿון באַריכט וועגן דער יִדישער אַרבעטער־באַפּט אין אַמעריקע, צוגעשטעלט דורך אב. קאַהאַן דעם בריסעלער קאָנגרעס 1891; 2) רעזאָלוציע פֿונעם בריסעלער קאָנגרעס וועגן דער יִדן־פֿראַגע און די דעבאַטע אַרום דעם; 3) די שטעלונג פֿון די רוסישע ס״ד פֿירער צו דער רעזאָלוציע; 4) די ערשטע מאַנדאַטן פֿון יִדישע אַרבעטער צום לאָנדאָנער קאָנגרעס 1896 (רעפּראָדוקציע).

## I. באַריכט וועגן די יִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע

„דעם לעצטן טאָג פֿון דעם בריסעלער סאָציאַליסטישן קאָנגרעס[26] איז פֿאַרטיילט געוואָרן אַ באַריכט פֿון די יִדישע אַרבעטער אין אַמעריקע. דאָרט שטייט: „מיר רופֿן זיך „פֿאַראייניקטע יִדישע געווערקשאַפֿטן״, מחמת אַלע מיט־לידער פֿון אַט די געווערקשאַפֿטן רעדן אַ יִדיש־דײַטשן דיאַלעקט, אָבער אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט גאָר ניט צו טון מיט רעליגיע אָדער נאַציאָנאַליטעט, און איר נאָמען קומט נאָר פֿון דער שפּראַך פֿון אירע מיטגלידער. אין דער איצטיקער צײַט זײַנען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿאַראַן איבער 30.000 יִדישע אַרבעטער, וואָס זײַנען אָרגאַניזירט אין אַזעלכע סינדיקאַטן לויט דער יִדישער שפּראַך. אָבער די צאָל יִדישע אַרבעטער, וואָס געהערן צו אַמעריקאַנער אַרבעטער־פֿאַראיינען, איז אַ סך אַ גרעסערע און לאָזט זיך נאַטירלעך ניט פֿעסטשטעלן סטאַטיסטיש. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן די יִדישע אַרבעטער איז ערשט ניט לאַנג אויפֿגעקומען, אָבער זי האָט זיך אין משך פֿון אַ קורצער צײַט אַנטוויקלט מיט אַן אומגעהײַערן ערפֿאָלג. צענדליגער טויזנטער רוסישע, רומענישע און אונגערישע יִדן, וואָס זײַנען געקומען קיין אַמעריקע, טרעטן אַלע אַרײַן, מיט קליינע אויסנאַמען, אין די רייען פֿון פּראָלעטאַריאַט און באַטייליקן זיך מיט גרויס איבערגעגעבנקייט אינעם קאַמף פֿון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט קעגן קאַפּיטאַל. כּמעט אַלע פֿאַכן, וואָס געהערן צו דער באַקלייד־בראַנזשע, זײַנען פֿול מיט יִדן. דעריבער באַשטייען די סינדיקאַטן פֿון דער בראַנזשע כּמעט אויסשליסלעך פֿון אַרבעטער, וואָס רעדן ניט קיין אַנדער שפּראַך, חוץ זייער איזראַעליטיש־דײַטשן דיאַלעקט. דאָ ניט לאַנג האָבן די מאַנטל־אַרבעטער, אין צאָל פֿון 8500, אין אַ 14־וואָכיקן שטרײַק אויסגעקעמפֿט בײַ זייערע אַרבעטגעבער בעסערע אַרבעטס־תּנאים. אונדזער דירעקטער ציל איז צו ברענגען די יִדישע אַרבעטער אויף דער זעלביקער עקאָנאָמישער מדרגה ווי די אַמעריקאַנער אַרבעטער, און מיר האָפֿן צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל אין דער נאָענטסטער צוקונפֿט״. „די יִדישע אַרבעטער לערנען זיך די ענגלישע שפּראַך און פֿאַרשמעלצן זיך ביז גאָר גיך מיט זייערע אַמעריקאַנער ברידער. הייות אָבער ווי די מערהייט פֿון זיי קען נאָך ניט די לאַנדשפּראַך, האָבן זיי זייער אייגענעם אָרגאַן [אין יִדיש] „די אַרבייטער־צײַטונג״, וואָס ציילט 8.000 אַבאָנענטן. ווײַטער גרייט מען זיך אַרויסצוגעבן אַ רוסישע צײַטונג „פּראָגרעס.״[27]

„מיר זײַנען זייער צופֿרידן — איז דער „פֿאָרווערטס״ פֿון זיך מוסיף — וואָס אונדזערע יִדישע חבֿרים שליסן זיך אָן בלבֿ ונפֿש אָן דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג און שטעלן זיך ניט קיין באַזונדערע אויפֿגאַבעס. די יִדישע אַרבעטער־יוניאָנס זײַנען דעריבער טאַקע נאָר אַ צײַטווײַליקע דערשײַנונג, זיי האָבן זיך געשאַפֿן, ווי דער באַריכט ווײַזט אָן, נאָר אַ דאַנק דער שותּפֿישקייט פֿון דער שפּראַך. וואָס גיכער עס וועט אָנגיין די פֿאַרשמעלצונג מיט די אַמעריקאַנער ברידער, אַלץ גיכער וועלן פֿאַרשווינדן אויך די דאָזיקע, לעת־עתּה נאָך נאַציאָנאַל

---

26 דער קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן פֿון 16טן ביזן 22סטן אויגוסט (1891).

27 די צײַטונג „Прогресс“ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ניו־יאָרק אין 1890 פֿון יעקבֿ גאָרדין און א. הורוויטש; האָט דערשײַנט נאָר אַ קורצע צײַט.

אָרגאַניזירטע גרופּעס און וועלן זיך צונויפֿגיסן מיט די אַמעריקאַנער אַרבעטער־יוניאָנס. פֿאַר אַ בייזן רוח פֿון אַנטיסעמיטיזם פֿעלט לחלוטין דער באָדן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דער קאַפּיטאַל, צי איז ער געטויפֿט אָדער ניט געטויפֿט, איז דער בשותּפֿותדיקער שׂונא, און די קריסטלעכע און ייִדישע פּראָלעטאַריער מוזן קעגן אים צוזאַמען מאַרשירן".

("Vorwärts", 1891, נר' 200, פֿונעם 28סטן אויגוסט: „פּאָליטישע איבערזיכט")

## II. דער בריסעלער קאָנגרעס און די שטעלונג צו דער ייִדן־פֿראַגע

„**קאַהאַן** (ניו־יאָרק) זאָגט, אַז ער שטייט דאָ ניט ווי אַ ייִד, נאָר ווי אַן אַרבעטער. פֿאַר אונדז, סאָציאַליסטן, עקסיסטירט ניט קיין ייִדן־פֿראַגע, פּונקט ווי עס עקסיסטירט ניט קיין מיליטער־פֿראַגע, אָבער די קעגנוואַרט צווינגט אונדז צו נעמען אַ שטעלונג צו דער איינער, ווי צו דער צווייטער. נעכטן האָט דער קאָנגרעס אַרויסגעזאָגט זײַנע סימפּאַטיעס די שטרײַקנדיקע סטאָליערס אין לאָנדאָן, הײַנט דאַרף ער דאָס אייגענע טון בנוגע זײַנע ייִדישע ברידער, וואָס געפֿינען זיך שטענדיק אין שטרײַק, ווערן שטענדיק געדרודפֿט און שטענדיק געהעצט. מען האָט די ייִדן געמאַכט פֿאַר אַ באַזונדער קלאַס, און ער דאַרף איצט אָנהייבן פֿירן זײַן קלאַסנקאַמף. מחמת דעם פֿאַרלאַנגען די ייִדישע אַרבעטער פּלאַץ אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, בכדי בשותּפֿות צו פֿירן דעם גרויסן קאַמף פֿאַר דער באַפֿרײַונג פֿון דער מענטשהייט.

**וואָלדערס** דערקלערט אין נאָמען פֿון ביוראָ: אין דער פֿראַגע זײַנען אַלע אייניק. פּונקט ווי מיר האָבן פֿריִער אַרויסגעזאָגט אונדזערע סימפּאַטיעס די גערודפֿטע רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד, אַזוי מוזן מיר אויך איצט זיך אַרויסזאָגן פֿאַר די גערודפֿטע רוסישע ייִדן. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ דערשײַנונג, וואָס וואָרצלט אויסשליסלעך אין די בירגערלעכע פּאַרטייען און וואָס קען אגבֿ אויך דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס די ייִדישע עקספּלואַטאַטאָרס זײַנען דורכגעטריבענער ווי די אַנדערע. פֿאַרן ייִדישן אונטערדריקטן איז פֿאַראַן נאָר איין מיטל פֿון באַפֿרײַונג: אַרײַנטרעטן אין די רייען פֿון סאָציאַליזם.

ער טראָגט אַרײַן אין נאָמען פֿון ביוראָ די ווײַטערדיקע רעזאָלוציע, וואָס ווערט איינשטימיק אָנגענומען מיט אַ קליינער ענדערונג:[28]

„היות ווי אין די פּרינציפּן און פּראָגראַמען פֿון די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען[29] פֿון אַלע לענדער איז פֿון תּמיד אָן קלאָר אָנגעוויזן געוואָרן, אַז זיי אָנערקענען ניט קיין סתּירה און קיין קאַמף צווישן נאַציעס און ראַסעס, נאָר זיי פֿירן דעם קלאַסנקאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט פֿון אַלע לענדער און ראַסעס,

און היות ווי פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט פֿון דער ייִדישער ראַסע און ייִדישן לשון איז ניטאָ קיין אַנדער מיטל פֿון באַפֿרײַונג, ווי נאָר אָנצושליסן זיך אָן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פֿון די שײַכותדיקע לענדער, —

פֿאַרמשפּט דער קאָנגרעס די אַנטיסעמיטישע און פֿילאָסעמיטישע העצערײַען, וואָס זײַנען נאָר אַ מאַנעוור מצד דער קאַפּיטאַליסטישער און פּאָליטישער רעאַקציע בכדי צו שפּאַלטן די אַרבעטער און אָפּווענדן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פֿון איר ציל,

---

28 די „קליינע ענדערונג" ווערט געמיינט די הוספֿה וועגן „פֿילאָסעמיטישע העצערײַען". אַז די רעזאָלוציע מיט דער ענדערונג איז ניט אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק, האָבן מיר געזען פֿריִער.

29 די צײַט' האָלענדישע צײַטונג „רעכט פֿאָר אַלען" (1891, נר' 196) טיילט מיט, אַז די ענגלישע דעלעגאַטן האָבן פֿאָרגעלייגט: „די סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־פּאַרטייען", מחמת אויך די יוניאָנס זײַנען קעגן דער ייִדן־העצע, בעת אין דעם פֿאַרעפֿנטלעכטן טעקסט פֿעלט דער „און".

האַלט פֿאַר איבעריק דעם פּונקט 4, וואָס די אַמעריקאַנער חבֿרים פֿון יידישן לשון האָבן פֿאָרגעלייגט, און גייט איבער צום סדר־היום״.[30]

(Verhandlungen und Beschlüsse des Internationalen Arbeiter-Kongresses zu Brüssel 16—22 August 1891 , Verlag „Vorwärts", Berlin 1893, p. 15—16).

## III. די פֿירער פֿון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן וועגן דער רעזאָלוציע פֿון בריסעלער קאָנגרעס

„דער קאָנגרעס איז איבער צו אַ פֿראַגע, וואָס האָט פֿאַר אונדז, רוסן, אַ גרויסן פּראַקטישן באַטייַט, הייַנו — צו דער יידישער פֿראַגע. עס איז באַקאַנט, אַז מחמת די ווילדע און אכזריותדיקע רדיפֿות האָבן אַ סך רוסישע ייִדן געמוזט פֿאַרלאָזן זייער היים און זוכן אַ מקום־מקלט צום טייל אין פֿאַרשיידענע לענדער פֿון דער אַלטער וועלט און צום טייל אין אַמעריקע. דאָס זייַנען אַלץ געוועזן אָרעמע מענטשן, גרייט צו האָרעווען ביזן זיבעטן שוויס פֿאַרן קלענסטן לוין. אין די צפֿון־אַמעריקאַנישע פֿאַראייניקטע שטאַטן זייַנען די דאָזיקע פּליטים גיך דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן גייַסט פֿון דער מאָדערנער אַרבעטער־באַוועגונג. עס האָבן זיך צווישן זיי געבילדעט אַרבעטער־געזעלשאַפֿטן; אייניקע פֿון זיי האָבן שוין זייער געשיכטע און זייערע פֿאַרדינסטן, וועלכע קיינער קען ניט אָפּלייקענען, אינעם קאַמף קעגן קאַפּיטאַל. אין דער דעמאָנסטראַציע פֿון 1טן מאַי האָבן די רוסיש־אַמעריקאַנישע ייִדן זיך באַטייליקט זייער אַקטיוו. עס איז דעריבער קיין וווּנדער ניט, וואָס מיר טרעפֿן זייערן אַ פֿאָרשטייער אויך אויפֿן בריסעלער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס. דער צוועק פֿון זייער פֿאָרשלאָג, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך אַרויסזאָגן מכּוח דער ייִדן־פֿראַגע, איז קלאָר אויסגעדריקט אין דער רעדע פֿון זייער פֿאָרשטייער, חבֿר קאַהאַן.

[ווייַטער קומט די רעדע פֿון אַב. קאַהאַנען, דער ענטפֿער פֿונעם בעלגישן סאָציאַליסט וואָלדערס און די רעזאָלוציע, וואָס ער האָט אין נאָמען פֿון ביוראָ אַרייַנגעטראָגן].[31]

„קעגן דער רעזאָלוציע, וואָס וואָלדערס האָט פֿאָרגעלייגט, זייַנען אַרויסגעטראָטן אייניקע פֿראַנצייזישע פֿאָרשטייער. אַדוואָקאַט אַרזשיריאַדעס האָט געפֿאָדערט, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך אַרויסזאָגן ניט בלויז קעגן אַנטיסעמיטישע (אַנטי־ייִדישע) העצערייַען, נאָר אויך קעגן פֿילאָ־סעמיטישע (דאָס מיינט העצערייַען לטובֿת די ייִדן און קעגן פּערזאָנען פֿון אַנדערע רעליגיעס). ד״ר רעניאַר האָט טאַקע פֿאַרמשפּט די רדיפֿות אויף ייִדן, פֿון דעסט וועגן האָט ער געהאַלטן, אַז עס עקסיסטירט אַ סעמיטישע פֿראַגע ווי אַ טייל פֿון דער סאָציאַלער פֿראַגע: „הייַנו די פֿראַגע פֿון די ייִדישע בענק—אַ שאַרפֿע פֿראַגע, וואָס וועט ברענגען דערצו, אַז זי וועט אונדז אַלעמען אומברענגען״. נאָך לאַנגע און גאַנץ הייסע וויכּוחים האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען וואָלדערס רעזאָלוציע מיט דער אויסבעסערונג, וואָס אַרזשיריאַדעס האָט פֿאָרגעלייגט.

מיר מוזן מודה זייַן, אַז אונדז האָט זי ניט באַפֿרידיקט. אָננעמענדיק די רעזאָלוציע האָט זיך דער קאָנגרעס אייגנטלעך אָפּגעזאָגט צו באַטראַכטן די ייִדישע פֿראַגע אין תּוך, און געטאָן האָט ער דאָס אויף דעם סמך, וואָס דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך מיט אַנטי־ייִדישער העצע קיין מאָל ניט פֿאַרנומען און ניט געקענט פֿאַרנעמען. דאָס איז נאַטירלעך דורכויס אמת, אָבער דאָס באַווייַזט גאָרנישט. די סאָציאַליסטן זאָגן זיך קיין מאָל ניט אַרויס אין זייערע פּראָגראַמען קעגן אויסברייטערן די בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט

30 מיר זעצן איבער די רעזאָלוציע פֿונעם אָפֿיציעלן באַריכט פֿון דער דייַטשער ס״ד; צווישן איר און דער רעזאָלוציע, וואָס אַב. קאַהאַן ברענגט אין זייַנע מעמואַרן (קאָנטיק לויטן רוסישן ז״ב „סאָציאַל־דעמאָקראַט״), איז פֿאַראַן נאָר אַ סטיליסטישער חילוק, וואָס ענדערט ניט דעם תּוך; אויך בייַ בורגין (דצ״וו, ז׳ 324) איז דער חילוק אַ סטיליסטישער. אין דער ייִדישער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע (ב׳ 2, ז׳ 382 א״וו) איז די רעזאָלוציע אָפּגעהאַקט צום סוף — גראָד ווו ס׳איז באַהאַלטן איר אמתע כּוונה.

31 די דאָזיקע רעדע אין וואָלדערס ענטפֿער זע אויספֿירלעכער בייַ אַב. קאַהאַן, דצ״וו, ז׳ 164—167; די רעזאָלוציע זע אויבן.

פֿון פֿרויען, פֿון דעסט וועגן האָט דאָס ניט געשטערט דעם קאָנגרעס אָנצונעמען אַ באַשלוס, וואָס רופֿט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אַלע לענדער אַרײַנטראָגן אין זייערע פּראָגראַמען די פֿאָדערונג פֿון פֿולע בירגערלעכע און פּאָליטישע גלײַכבאַרעכטיקונג פֿאַר ביידע געשלעכטן... דאָס אייגענע איז אויך בנוגע דער ייִדישער פֿראַגע: הגם מיר סאָציאַליסטן זײַנען אויך פֿריִער תּמיד געשטאַנען פֿאַר דער פֿולער גלײַכבאַרעכטיקונג פֿון אַלע מענטשן, צו וואָסער פֿאָלקסשטאַם און רעליגיע זיי זאָלן ניט געהערן, נאָר היות ווי עס זײַנען פֿאַראַן לענדער, אין וועלכע די צו אונדז פֿײַנטלעכע פּאַרטייען זוכן צו שטויסן די אַרבעטער אויפֿן וועג פֿון אַנטי־ייִדישער באַוועגונג, וואָלט זייער גוט געווען צו רעקאָמענדירן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַז זיי זאָלן אין זייערע פּראָגראַמען אונטערשטרײַכן די פֿאָדערונג פֿון דער בירגערלעכער און פּאָליטישער גלײַכקייט פֿון די אײַנוווינער אין יעדן געגעבענעם לאַנד, צו וואָסער רעליגיע זיי זאָלן ניט געהערן. און מיר, די סאָציאַליסטן אין אַלע לענדער, וועלן גרייט זײַן דאָס צו טון באַזונדערס דערפֿאַר, ווײַל מיר ווייסן, וויפֿל די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט צו פֿאַרדאַנקען די ייִדן און וואָסערע געמיינע מאָטיוון עס באַוועגן די רעגירונגען און פּאַרטייען אויפֿצוהעצן די קריסטן אויף די ייִדן.

...הערן אַרזשיריאַדעס וואָלט דער קאָנגרעס געקענט ענטפֿערן, אַז מ'קען ניט שטעלן פֿ י ל אָ סעמיטיזם אויף איין מדרגה מיט אַ נ ט י סעמיטיזם. אויב עס וואָלט עקסיסטירט אַזאַ ייִדישע מלוכה, אין וועלכער קריסטן וואָלטן געהאַט אַנדערע רעכט ווי י י ד ן און וועלכע וואָלט קריסטן גערודפֿט דערפֿאַר, וואָס זיי זײַנען קריסטן, וואָלט אַרזשיריאַדעסעס אויסבעסערונג געווען דורכויס אויפֿן פּלאַץ. היות אָבער ווי אַזאַ מלוכה עקסיסטירט ניט, היות ווי „פֿילאָסעמיטישע העצערײַען" קומען פֿאָר (אויב זיי קומען פֿאָר) אין די קריסטלעכע לענדער, וועלכע זײַנען גאָר ניט נוטה צו געבן ייִדן באַזונדערע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט, און צו לעצט היות ווי דער פֿ י ל אָ סעמיטיזם שטעלט זיכער מיט זיך פֿאָר ווײַט ניט אַזאַ גרויסע פּאָליטישע סכּנה ווי דער אַ נ ט י סעמיטיזם, פֿאַרלירט די אויסבעסערונג פֿון אַרזשיריאַדעס איר גאַנצן זינען. און וואָס איז שייך דער „סעמיטישער פֿראַגע" פֿון ד"ר רעניאַר, וואָלט לעכערלעך געווען צו רעכענען זיך מיט אַזאַ פֿראַגע. אויב די ייִדישע בענק וועלן אונדז באמת „אומברענגען", וועלן זיי דאָס טון ווי ב ע נ ק סתּם און ניט ווי בענק וואָס געהערן צו י י ד ן. די פֿראַגע פֿון בענק איז אַן ע ק אָ נ אָ מ י ש ע און כּלל ניט קיין נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע. צום כּבֿוד פֿון פֿראַנצייזישן פּראָלעטאַריאַט מוז באַמערקט ווערן, אַז ד"ר רעניאַר געהער אייגנטלעך ניט צו דער אַ ר ב ע ט ע ר־פּ אַ ר ט י י. ער איז געשיקט געוואָרן אויפֿן קאָנגרעס פֿון עפּעס אַ „קרײַזל צו שטודירן די סאָציאַלע פֿראַגעס", וואָס האָט משמעות נאָך ווײַט ניט באַנומען די טעאָריע פֿונעם מאָדערנעם סאָציאַליזם.

דער קאָנגרעס האָט געפֿאָדערט פֿאַר פֿרויען פּאָליטישע און בירגערלעכע גלײַכבאַרעכטיקונג מיט מענער און דערבײַ האָט ער זעלבסטפֿאַרשטענדלעך געהאַט אין זינען אויך די י י ד י ש ע פֿרויען, אַקוראַט ווי אַלע אַנדערע. וואָס זשע פֿאַר אַ פּנים קען האָבן זײַן פֿאָדערונג בנוגע למשל רומעניע? עס באַקומט זיך, אַז פֿאָדערנדיק פֿאַר די רומענישע י י ד י ש ע פֿ ר ו י ע ן פֿולע רעכט ווי פֿאַר מענער, האָט ער דערבײַ ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו פּראָטעסטירן קעגן דער בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט פֿון די רומענישע י י ד ן בכלל. פֿאַר וואָס קומט אַזוי נושׂא פּנים זײַן דעם שיינעם געשלעכט?

מיר מיינען, אַז די פֿאָרשטייער פֿון יענע לענדער (ווי למשל רוסלאַנד און רומעניע), ווו ייִדן שטייען נאָך ביז איצט מחוץ פֿון אַלגעמיינעם רעכט און ווו די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג טראָגט דעריבער אַ באַזונדער געפֿערלעכן און רעאַקציאָנערן כאַראַקטער, דאַרפֿן אויפֿן קומענדיקן קאָנגרעס פֿ אָ ד ע ר ן אַ ר ע װ י ז י ע פֿ ו ן ד ע ם ב אַ ש ל ו ס, וואָס דער בריסעלער קאָנגרעס האָט אָנגענומען בנוגע דער ייִדישער פֿראַגע".

(„Социал-Демократ", ב' 4, זשענעווע 1892, אין אַרט' „די אַרבעטער־באַוועגונג פֿאַרן לעצטן יאָר").

ד ע ם ב אַ ר י כ ט פֿ ו ן ד ע ר י י ד י ש ע ר ס אָ צ'־ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ר ג ר ו פּ ע „ל ו מ י נ אַ" (רומעניע) צום לאָנדאָנער קאָנגרעס 1896 זע אין דער הוספֿה צום ציטירטן אַרט' פֿון ד"ר י. ק י ס מ אַ ן, אויבן אין באַנד.

# ווענדונג פֿון יידישע סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד צו פֿרידריך ענגעלסן (1893)

אין 1893 האָט אַ גרופּע יידישע סאָציאַליסטן אין רוסלאַנד צוגעשיקט פֿרידריך ענגעלסן קיין לאָנדאָן אַ מתּנה די אָקאָרשט אַרויסגעגאַנגענע אויספֿאָרשונג פֿונעם באַקאַנטן רוסישן עקאָנאָמיסט-נאַראָדניק ניקאָלאַי — אָן (נ. דניאלסאָן) „סקיצן פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט נאָך דער פּויערים-רעפֿאָרמע"[1]. דאָס בוך איז געווען שיין איינגעבונדן אין רויטן סאַפֿיאַן, מיט אַזעלכע גאָלדענע אותיות אויפֿן איינבונד: „Дорогому учителю Ф. Э. от учеников. 1893 г." (דעם טייערן לערער פֿ. ע. פֿון די תּלמידים. 1893). אויפֿן בוך גופֿא איז געווען אַזאַ אויפֿשריפֿט אין רוסיש:

Неутомимому борцу за право и истину,
Передовому бойцу сознавшаго свою цѣль пролетаріата,
Соратнику Карла Маркса,
Фридриху Энгельсу,
Въ знакъ благодарности и уваженія посвящается
Союзомъ еврейскихъ соціалистовъ.

(דעם אומדערמידלעכן קעמפֿער פֿאַר רעכט און אמת, דעם פֿירנדיקן קעמפֿער פֿון צילבאַוווסטן פּראָלעטאַריאַט, דעם קאַמפּס-חבֿר פֿון קאַרל מאַרקס — פֿרידריך ענגעלסן, מיט דאַנק און יראת-הכּבֿוד געהייליקט פֿון פֿאַרבאַנד פֿון יידישע סאָציאַליסטן).

דער אמתער מיין פֿון דער מתּנה ווערט קלאָר פֿון דעם בריוו, וואָס די גרופּע האָט דערביי צוגעלייגט. דער שרייבער ניקאָלאַי—אָן, הגם ער איז געווען דער ערשטער איבערזעצער פֿון מאַרקס' „קאַפּיטאַל" אין רוסיש נאָך מיט 20 יאָר צוריק און איז געשטאַנען אין אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט מאַרקסן און ענגעלסן, האָט דאָך געהערט צו די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער פֿון דער נאַראָדנישער שיטה, וואָס האָט זיך אין תּוך געפֿונען אין אַ סתּירה צום מאַרקסיזם; אין זיין דערמאָנטן בוך, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע ווערק אין דער ליטעראַטור פֿון די א"ג לעגאַלע נאַראָדניקעס, האָט ער געגעבן אַ סאָציאַל-עקאָנאָמישן אַנאַליז פֿון דער רוסישער „אָבשטשינע" ווי דעם קעמערל פֿון דער רוסישער פּויערשער ווירטשאַפֿט און דעם יסוד פֿונעם פּויערשן קאָלעקטיוויזם אין רוסלאַנד. הגם צו יענער צייט האָט שוין דער רוסישער מאַרקסיזם געהאַט שטאַרק צעטרייסלט די נאַראָדנישע טעאָריע און באַקומען אַ השפּעה אויף דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, האָט דאָך ניקאָלאַי—אָנס ניי גרונטיק ווערק אַרויסגערופֿן אין איינקע קרייזן געוויסע ספֿקות בנוגע דער שטעלונג פֿון די רוסישע מאַרקסיסטן צו דער פֿראַגע פֿון „אָבשטשינע". און דער „פֿאַרבאַנד יידישע סאָציאַליסטן" האָט, שיקנדיק דאָס בוך צו ענגעלסן, אים געבעטן, ער זאָל לאָזן הערן זיין אויטאָריטעטע מיינונג מכּוח דער פֿראַגע, וואָס האָט געפּייניקט די מוחות פֿון דער מאַרקסיסטישער יוגנט, אויך פֿון דער יידישער.

דעם עקזעמפּלאַר פֿון ניקאָלאַי — אָנס בוך מיט דער אויפֿשריפֿט פֿאַר ענגעלסן און דעם בריוו פֿון די יידישע סאָציאַליסטן צו אים האָט דער באַקאַנטער רוסישער היסטאָריקער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ב. ניקאָלאַיעווסקי געפֿונען אין מאַרקס-ענגעלס-ביבליאָטעק און אַרכיוו אין בערלין. ער האָט וועגן דעם בקיצור פֿאַרעפֿנטלעכט בשעתו און דערביי דעם

---

[1] Очерки нашего пореформеннаго хозяйства (דערש' 1893).

בריוו פּובליקירט אין אַ רוסישער איבערזעצונג פֿון דײַטש.[2] מיר ברענגען דאָ דעם בריוו, איבער־געזעצט אין ייִדיש:

„זייער חשובֿער הער!

„די סיבות, וואָס האָבן באַוויגן דעם „פֿאַרבאַנד פֿון די ייִדישע סאָציאַליסטן“ צוצושיקן אײַך דאָס בײַגעלייגטע בוך, זײַנען בקיצור אַזעלכע:

„דאָס בוך „סקיצן פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט נאָך דער פֿריערים־רעפֿאָרמע“ האָט בײַם דערשײַנען אַרויסגערופֿן אין רוסלאַנד גרויס פֿאַרוווּנדערונג, מחמת זײַן מחבר, הגם ער גיט זיך אָן פֿאַר אַן איבערצײַגטן מאַרקסיסט און פֿאַררופֿט זיך אויף מאַרקסן און ענגעלסן, קומט ער מיט זײַן זייער רײַכן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל צו גאַנץ היפּכדיקע אויספֿירן, ווי עס קומען די דאָזיקע לערער פֿון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. די „נאַראָדניקעס“ באַגריסן דעם מחבר ווי אַן איבערצײַגטן אָנהענגער פֿון זייערע טעאָריעס; אַ סך סאָציאַליסטן האָבן אָנגעהויבן ספֿקן אין זייערע מיינונגען; קיינער ווייס ניט, צי געפֿינען זיך דעם מחברס געדאַנקען אין הסכּם מיטן מאָדערנעם וויסנשאַפֿטלעכן סאָציאַליזם, אָדער — ווי אַזוי קענען זיי אָפּגעפֿרעגט ווערן?

„די פּערזאָנען, וואָס שיקן אײַך איבער דאָס בוך, ווייסן, אַז איר, חשובֿער לערער, אינטערעסירט זיך לעבעדיק מיט די רוסישע ענינים און קענט די רוסישע שפּראַך, און זיי בעטן אײַך אַרויסזאָגן בקיצור אין איינעם פֿון די זשורנאַלן אײַער מיינונג וועגן דעם בוך און דערמיט נאָך מער פֿאַרשטאַרקן די גרויסע צאָל אײַערע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער אינטער־נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן“.

דער באַטײַט פֿון דעם בריוו באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס איז די ע ר ש ט ע אונדז באַקאַנטע פֿאַרבינדונג צווישן רוסיש־ייִדישע סאָציאַליסטן און דעם אויטאָריטעטסטן פֿאָרשטייער פֿונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. אָבער די פֿראַגע, וואָס שטעלט זיך דערבײַ, איז: ווער איז אייגנטלעך געווען אָט דער „פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן“ און פֿון וואָסער שטאָט שטאַמט די גרופּע? די נעמען און דער אָרט זײַנען משום קאָנספּיראַציע ניט אָנגעוויזן און מ׳קען דאָ אָפּערירן נאָר מיט השערות. דאָס ערשטע, וואָס קומט אויפֿן געדאַנק, איז — ו ו י ל נ ע. אָבער פֿאַראַן גאַנץ ערנסטע אַרגומענטן דערפֿאַר, אַז די ווענדונג צו ענגעלסן שטאַמט דאָך ניט פֿון ווילנע. אמת, ווילנע האָט שוין צו יענער צײַט פֿאַרמאָגט די שטאַרקסטע גרופּע ייִדישע אַרבעטער־טוער, בראש מיט קרעמערן, וואָס האָט אָנגעהויבן שפּילן די ראָלע פֿון אַ צענטער, אָבער די דאָזיקע גרופּע איז שוין געווען אַ בפֿירוש ס אָ צ י אַ ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע און וואָלט זיך ניט געחתמעט סתם „ייִדישע סאָציאַליסטן“: דער נאָמען, וואָס זי האָט בערך דעמאָלט, אָדער אַ ביסל שפּעטער, אָנגענומען, איז, ווי באַקאַנט, געווען: „די גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין רוסלאַנד“. אין די זכרונות פֿון די ווילנער טוערס פֿון יענער צײַט ווערט דער עפּיזאָד מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט, הגם ער וואָלט זיכער פֿאַרבליבן אין זכּרון. אויף אונדזער דירעקטן אָנפֿרעג צו פּאַטי קרעמער האָבן מיר באַקומען אַ תּשובֿה, אַז די ווילנער גרופּע האָט אַזאַ בריוו צו ענגעלסן ניט געשריבן; וועגן דעם געדענקט אויך ניט איסיַ אײַזנשטאַט.[3]

---

[2] זע די אויסגאַבע אונטער דער רעד' פֿון ד. ריאַזאַנאָוו Архив Карла Маркса и Фридриха Энгельса — אַרויסגעגעבן פֿונעם „מאַרקס־ענגעלס־אינסטיטוט“ אין מאָסקווע („גאָסאיזדאַט“), ב' A, 1929, אַרט' פֿון ב. ני ק אָ ל אַ י ע ו ו ס ק י: רוסישע ביכער אין די ביבליאָטעקן פֿון ק. מאַרקס און פֿ. ענגעלס, ז' 367.

דער אַרכיוו פֿון מאַרקסן און ענגעלסן האָט זיך ביז היטלערן געפֿונען אינעם צ״ק פֿון דער דײַטשער ס״ד־פּאַרטיי. דאָס בוך איז פֿאַרבליבן אין בערלין; דער בריוו איז געראַטעוועט אין איינעם מיטן אַרכיוו, וואָס געפֿינט זיך איצט אין פּאַריז.

3 זע דעם ציט' אַרט' פֿון ב. ניקאָלאַיעווסקי אין דער אויסגאַבע פֿון „מאַרקס־ענגעלס־אינסטיטוט“,

עס איז פֿאַראַן אַ השערה, אַז דער בריוו שטאַמט ניט פֿון ווילנע, נאָר פֿון וואַרשע, פֿון דער סטודענטישער גרופּע יונגעלייַט פֿון ליטע, וואָס האָבן דאָ שטודירט און האָבן אָנהייב די 90ער יאָרן דאָ געבילדעט אַ ס״ד קרייַזל.[4] מיר האָבן זיך דעריבער געווענדט צו איינעם פֿון די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דעם קרייַזל, ישׂראל פּעסקין (דער שפּעטערדיקער „מענשעוויק״ סאָמאָוו), וואָס וווינט אין פּאַריז, און האָבן באַקומען פֿון אים די ווייַטערדיקע תּשובֿה: „דאָס קרייַזל וואַרשעווער סטודענטן, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט יוסף אַנטאָקאָלסקי, אַלבערט זאַלקינד, איך און אַנדערע, האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן, אָבער מיר האָבן לייַדנשאַפֿטלעך איבערגעלעבט די פֿראַגע פֿון דער „אָבשטשינע״, אַרום וועלכער עס איז געגאַנגען אַ וויכּוח, האָבן פֿלייַסיק שטודירט ניקאָלאַי—אָנען און געהאַט בדעה צו ווענדן זיך קיין אויסלאַנד מיט אונדזערע ספֿקות״. י. פּעסקין געדענקט ניט דעם פֿאַקט גופֿא, אָבער — שרייַבט ער — „עס איז מעגלעך, אַז די ווענדונג צו ענגעלסן האָט געשטאַמט פֿון דעם קרייַזל״. אַ געוויסן ספֿק רופֿט אַרויס, בייַ דער הנחה, דער נאָמען „פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן״, ווייַל דער וואַרשעווער קרייַזל, וואָס איז באַשטאַנען אין זייַן גרעסטער מערהייט פֿון ייִדישע סטודענטן, האָט דאָך געהאַט עטלעכע מיטגלידער רוסן און עס איז ניט באַקאַנט, ער זאָל זיך געהאַט גערופֿן מיט דעם נאָמען „ייִדישע סאָציאַליסטן״.

אַ קרייַזל מיט לערך אַזאַ נאָמען „גרופּע ייִדישע סאָציאַליסטן״ (גי״ס) האָט יאָ עקסיסטירט, אָבער ערשט מיט אַ יאָר 3 שפּעטער און אויך ניט אין רוסלאַנד, נייַערט אין בערן, שווייץ; צו דער גרופּע האָבן געהערט י. בלומשטיין, עזרא, עפֿראָס („ירושלמי״), י. טרומין, שוועק א״א. אַ נאָענטע שייַכות צו איר האָט אויך געהאַט חיים זשיטלאָווסקי און איר אויפֿגאַבע איז געווען אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין ייִדיש. הגם כראָנאָלאָגיש איז דאָ פֿאַראַן אַ סתּירה (דאָס יאָר 1893 און 1896), פֿון דעסט וועגן איז מעגלעך, אַז די גרופּע האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן נאָך פֿון פֿריִער.

די פֿראַגע פֿון אָפּשטאַם פֿון דעם „פֿאַרבאַנד ייִדישע סאָציאַליסטן״, וואָס האָט זיך געווענדט צו ענגעלסן, בלייַבט בכן אָפֿן. קלאָר איז נאָר, אַז דאָס איז געווען עפּעס אַ קליינע גרופּע, און ניט אַזאַ, וואָס איז אין תּחום געשטאַנען בראש פֿון דער אַרבעט. אָבער דאָס מאַכט ניט בטל דעם ווערט פֿון אָט דער ערשטער ווענדונג פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן צום גרעסטן סאָציאַליסטישן אויטאָריטעט נאָך מאַרקס׳ טויט.

א. ט״ש.

---

4 זע וועגן דעם קרייַזל אין די זכרונות פֿון פּסחזאָן („אַן עלטער באַקאַנטער״) אין ז״ב „25 יאָר״ (וואַרשע 1922), ז׳ 39, אויך אַרט׳ פֿון דזשאָן מילל אויבן אין אונדזער באַנד.



וויגדאָרטשיק (סאַלאָמאָן ?)

(צו די אַרט׳ פֿון פֿ. קורסקי און א. טשער. וועגן דער זשענעווער „גרופּע סאָציאַליסטן-ייִדן“ 1880)



העסיע העלפֿמאַן

(געב׳ אין מאָזיר 1852 [1856 ?], געשט׳ 1882 אין פּעטערבורגער תּפֿיסה)

# פֿון די פּאָליציי-אַרכיוון אין צאַרישן רוסלאַנד

### פֿון א. טשער.

### I

## די רוסישע צענזור און די סאָציאַליסטישע „ניו-יאָרקער יידישע פֿאָלקסצייטונג“

אין אַרכיוו פֿון באַראָן גינצבורג אין פּעטערבורג, פֿאַר דער מלחמה, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קאָפּיע פֿון אַ פֿאַראָרדענונג, אַרויסגעגעבן פֿונעם פּעטערבורגער קאָמיטעט פֿאַר אויסלענדישער צענזור, ניט אַריינצולאָזן אין רוסלאַנד די „ניו-יאָרקער יידישע פֿאָלקסצייטונג“. די „ניו-יאָרקער יידישע פֿאָלקסצייטונג“ איז, ווי באַקאַנט, געווען די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג אין אַמעריקע,[1] רעדאַקטירט פֿון צוויי רוסיש-יידישע עמיגראַנטן א. בראַסלאַווסקי און מ. מינץ, וואָס האָבן ביידע געהערט צו די פּיאָנירן פֿון דער סאָציאַליסטישער זשורנאַליסטיק אין אַמעריקע.[2] די צייטונג האָט דערשיינט וועכנטלעך פֿון 25סטן יוני 1886 ביזן 20סטן דעצעמבער 1889, דאָס הייסט אין משך פֿון דריי און אַ האַלב יאָר, און איז געווען פֿאַר יענער צייט גאַנץ גוט פֿאַרשפּרייט.[3] אינעם דאָזיקן וואָכנבלאַט פֿלעגן זיך פֿון צייט צו צייט דרוקן שאַרפֿע אַרטיקלען קעגן דער רוסישער רעגירונג און וועגן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד („דער 1טער מערץ 1881“, „דער כאַאָס“ וכדומה). די רוסישע צענזור האָט זיך ביז דעמאָלט ניט אַרומגעקוקט בכלל אויף די אויסלענדישע יידישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבעס, וואָס האָבן זיך ערשט גענומען באַווייזן אין לאָנדאָן און ניו-יאָרק, אָבער באַלד האָט זי זיך געכאַפּט, און פֿאַרווערט זיי אַריינצולאָזן קיין רוסלאַנד. מיר ווייסן, אַז שוין אין 1886—1887 זיינען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון אַריבערצושיקן קיין רוסלאַנד די „ניו-יאָרקער יידישע פֿאָלקסצייטונג“.[4] די קאָפּיע פֿון דער צענזור-פֿאַראָרדענונג איז ליידער ניט דאַטירט, נאָר זי קער שטאַמען פֿון יענע יאָרן. דער שעף פֿון קאָמיטעט פֿאַר אויסלענדישער צענזור גיט אין דער פֿאַראָרדענונג אַ כאַראַקטעריסטישע מאָטיווירונג פֿון דעם פֿאַרבאָט און אָנערקענט די צייטונג פֿאַר „זייער שעדלעך“. עס פֿילט זיך, אַז ער איז פֿאַרחידושט, וואָס אין י י ד י ש קענען געשריבן ווערן אַזעלכע שאַרפֿע רעוואָלוציאָנערע אַרטיקלען. און דאָס איז דעמאָלט באמת געווען אַ נייַס.

---

1 כראָנאָלאָגיש איז די ערשטע געווען „די נייע צייט“ (רעד' פֿון ראַיעווסקי און אַב. קאַהאַן), אָבער זי האָט עקסיסטירט בסך-הכל עטלעכע וואָכן, אין יוני-יולי 1885.

2 אַ ב. ב ר אַ ס ל אַ ו ו ס ק י איז געווען אַ פּאָליטישער עמיגראַנט פֿון רוסלאַנד, האָט זיך קומענדיק קיין אַמעריקע באַטייליקט אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג; שפּעטער פּראַקטיקירט אין ניו-יאָרק ווי אַ דאָקטאָר, האָט געענדערט זיין נאָמען אויף ברעסלוי.— מ ש ה (מ אָ ז ע ס) מ י נ ץ, אַ געוו' מיטגליד פֿון דער גרופּע ביל"ו, מיטן די 80ער יאָרן אַריבערגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, ווו ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער-טוער און ראַדיקאַלער זשורנאַליסט, האָט שפּעטער רעדאַקטירט דעם „פֿאָלקס-אַדוואָקאַט“ און דעם „יודישן רעקאָרד“; אָנהייב די 90ער יאָרן באַזעצט זיך אין ארץ-ישׂראל.

3 זי האָט געהאַט אַ טיראַזש בערך פֿון 4800 עקז'. די צייטונג איז געווען אַן אומפּאַרטייִש-סאָציאַליסטישע, אָבער מיט אַ נטיה צו די סאָציאַל-דעמאָקראַטן; מען פֿלעגט זי רופֿן „די מומע פֿאָלקסצייטונג“.

4 פֿ"גל די זכרונות פֿון ש מ ו א ל ר אַ ב י נ אָ װ י ט ש אויבן אין דעם באַנד. זייענדיק אין פּאַריז, אין 1886, האָט ער אָנגעהויבן אַריבערשיקן קיין רוסלאַנד עקזעמפּלאַרן פֿון דער צייטונג.

דעם דאָקומענט, וואָס מיר האָבן געפונען אין ארכיוו פון באַראָן גינצבורג, האָט דער לעצטער משמעות ארויסבאַקומען אין אַ קאָפּיע פון אַ באַאַמטן אין צענזור־קאָמיטעט, אָדער עמעצער פון די הויכע שררות האָט אויפמערקזאַם געמאַכט באַראָן גינצבורגן אויף אָט דער „חוצפה“ פון ייִדישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד.

מיר דרוקן דאָ דעם דאָקומענט אין זײַן רוסישן אָריגינאַל מיט אַן איבערזעצונג אין ייִדיש.

„Из числа еврейских газет, поступающих нынѣ на разсмотрѣніе С. Петербургскаго Комитета Цензуры Иностранной, выдѣляется наиболѣе своим зловредным характером издаваемая в Нью-Іоркѣ Минцем и Браславским еженедѣльная газета на нѣмецко-еврейском языкѣ, под заглавіем „The New-York Jewish Volks-Zeitung“. Эта газета, как видно из передовых статей, задалась цѣлью пропагандировать анархическія и соціальныя тенденціи. Распространеніе соціальнаго ученія она возводит на степень долга каждаго гражданина. Для возстановленія рабочих против капиталистов, а, слѣдовательно, и для увлеченія темной массы на путь соціализма она старается доказать, что послѣдніе живут и составляют капиталы на счет первых, не имѣющих не только чего либо похожаго на довольство, но даже и насущнаго куска хлѣба. Беззастѣнчивость, с которою Минц и Браславскій излагают в газетѣ свою соціалистическую и анархическую программу, указывая при том, что они не имѣют возможности отступить от этой программы ни на одну іоту, доказывает несомнѣнно, что эти господа сами принадлежат к анархическому обществу. Особенное негодованіе эта газета высказывает по отношенію к Россіи, называя ее „темной деспотической страной, отчизною казацкой нагайки“, она принимает под свое покровительство русских анархистов, называя их „мучениками свободы и людьми, посвятившими всю свою жизнь на благо народа“. Мало того, газета на своих столбцах помѣщает воззванія, имѣющія цѣлью образовать вспомогательный денежный фонд для русских революціонеров и в каждом из этих воззваній доводит до свѣдѣнія читателей, что извѣстный анархист Гартман (по собственному сознанію редакторов цитируемой газеты — их друг и пріятель) будет руководить всѣми митингами, какіе будут устроены с цѣлью образованія фонда для вспоможенія русским революціонерам.

Я считаю необходимым ограничиться лишь общим указаніем на воззрѣнія и отношенія этой газеты к соціализму, так как не считаю себя вправѣ приводить сужденія Минца и Браславскаго о коронованных особах вообще и о священной особѣ нынѣ царствующаго Государя Императора в частности. Я не говорю уже о том, какою площадною бранью газета осыпает наших высших правительственных лиц. Эта брань не передаваема на бумагѣ.

Вслѣдствіе вышеизложеннаго я положительно признаю эту газету крайне вредною и она не должна быть допущена к ввозу и обращенію в Россіи“.

**איבערזעצונג:**

„צווישן די ייִדישע צײַטונגען, וואָס קומען איצט אַרײַן אויף קאָנטראָל אין פּעטערבורגער קאָמיטעט פאַר אויסלענדישער צענזור, טיילט זיך אויס מיט איר באַזונדערס בייזוויליקן

כאַראַקטער די וואָכנצײַטונג, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק פֿון מינצן און בראַסלאַווסקין, אין דער דײַטש־ייִדישער שפּראַך, מיטן נאָמען „The New-York Jewish Volks-Zeitung" [„די ניו־יאָרקער ייִדישע פֿאָלקסצײַטונג"].—די דאָזיקע צײַטונג, ווי ס'איז צו זען פֿון די לייטאַרטיקלען, האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ צוועק צו פּראָפּאַגאַנדירן אַנאַרכיסטישע און סאָציאַליסטישע טענדענצן. די פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער סאָציאַלער שיטה ווערט בײַ איר דערהויבן צו אַ חובֿ פֿון יעטווידן בירגער. שטרעבנדיק אויפֿצורייצן די אַרבעטער קעגן די קאַפּיטאַליסטן און דורך דעם פֿאַרפֿירן די פֿינצטערע מאַסע אויפֿן וועג פֿון סאָציאַליזם, זוכט זי צו דערווײַזן, אַז די לעצטע (די קאַפּיטאַליסטן) עקסיסטירן און שאַפֿן זייערע קאַפּיטאַלן אויפֿן חשבון פֿון די ערשטע (די אַרבעטער), וואָס לאַ די וואָס זיי האָבן ניט אַפֿילו קיין שײַן פֿון באַפֿרידיקונג, נאָר אויך ניט קיין שטיקל ברויט צום לעבן. די חוצפּה, מיט וועלכער מינץ און בראַסלאַווסקי אַנטוויקלען אין דער צײַטונג זייער סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע פּראָגראַם, אָנווײַזנדיק דערבײַ, אַז זיי האָבן ניט די מעגלעכקייט מוותּר צו זײַן אַפֿילו אויף אַ קוצו של יוד פֿון דער פּראָגראַם, באַווײַזט קלאָר, אַז די דאָזיקע הערן געהערן אַליין צו דער אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפֿט. אַ באַזונדער אויפֿרעגונג ווײַזט אַרויס די דאָזיקע צײַטונג בנוגע רוסלאַנד; זי רופֿט עס „דאָס פֿינצטערע דעספּאָטישע לאַנד, די היים פֿון דער קאַזאַצקער נאַהײַקע", נעמט אונטער איר שוץ די רוסישע אַנאַרכיסטן און רופֿט זיי „מאַרטירער פֿאַר פֿרײַהייט, מענטשן, וואָס גיבן אָפּ זייער גאַנץ לעבן פֿאַרן וווּל פֿון פֿאָלק". און לאַ די דאָס, דרוקט די צײַטונג בײַ זיך אויפֿרופֿן וועגן גרינדן אַ הילפֿסקאַסע פֿאַר די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, און אין יעדער אויפֿרוף לאָזט זי וויסן די לייענער, אַז דער באַוווּסטער אַנאַרכיסט האַרטמאַן[5] (לויט ווי די רעדאַקטאָרן פֿון דער ציטירטער צײַטונג זײַנען מודה—זייער פֿרײַנד און חבֿר) וועט שטיין בראָש פֿון אַלע מיטינגען, וואָס וועלן אָרגאַניזירט ווערן מיטן צוועק צו שאַפֿן דעם הילפֿסקאַסע פֿאַר די רוסישע רעוואָלוציאָנערן.

„איך האַלט פֿאַר נייטיק צו באַגרענעצן זיך נאָר מיט אַלגעמיינע אָנווײַזונגען בנוגע די אידעען פֿון דער דאָזיקער צײַטונג און איר שטעלונג צום סאָציאַליזם, מחמת איך פֿיל זיך ניט באַרעכטיקט צו ציטירן די מיינונגען פֿון מינצן און בראַסלאַווסקין וועגן די געקרוינטע הויך געשטעלטע פּערזאָנען בכלל און דער הייליקער פּערזאָן פֿונעם איצטיקן קיסר ירום הודו—בפֿרט. איך רעד שוין ניט וועגן דעם, אַז די צײַטונג פֿאַלט אָן מיט גאַסן־זידלערײַען אויף אונדזערע העכסטע רעגירונגס־מענער; איבערגעבן אויפֿן פּאַפּיר די דאָזיקע זילזולים איז אוממעגלעך.

„מחמת דעם אַלעמען האַלט איך קאַטעגאָריש, אַז די דאָזיקע צײַטונג איז זייער שעדלעך און טאָר ניט אַרײַנגעלאָזט און פֿאַרשפּרייט ווערן אין רוסלאַנד".

(צום סוף ווערן צוגעגעבן עטלעכע אַרטיקלען פֿון דער „ניו־יאָרקער ייִדישער פֿאָלקס־צײַטונג" איבערגעזעצטע אין רוסיש, ווי „כאַאָס", „דער 1טער מערץ 1881" א״א).

## II

# אַ פּאָליציייִשע לעגענדע וועגן אַ „געהיימער ייִדישער געזעלשאַפֿט" פֿאַר אָפּשאַפֿן די ייִדישע רעכטלאָזיקייט (1879)

דאָס יאָר 1879 האָט זיך אין רוסישן פּאָליטישן לעבן אָנגעהויבן זייער שטורעמדיק. די רעוואָלוציאָנערן האָבן גענומען אַריבערגיין צו טעראָר: מען האָט דערהרגעט עטלעכע שפּיאָנען, דעם 9טן מערץ האָט גרינאָרי גאָלדענבערג דערשאָסן דעם כאַרקאָווער גענעראַל־גובערנאַטאָר קראַפּאָטקין, מיט פֿיר טעג שפּעטער איז פֿאָרגעקומען דער אַטענטאַט פֿון ל. מירסקי אויפֿן שעף פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג" גענ' דרענטעלן און דעם 2טן אַפּריל—דער אַטענטאַט פֿון סאָלאָוויאָוון

5 לעוו האַרטמאַן—באַוווּסטער טעראָריסט, איז אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד און האָט זיך גערעכנט פֿאַרן אויסלענדישן פֿאָרשטייער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ"; נאָך פּאַריז און לאָנדאָן אַריבערגעפֿאָרן קיין אַמעריקע.

אויף אַלעקסאַנדער II (ביידע ניט געראָטן).[6] די פּאָליציי אין פּעטערבורג האָט פֿאַרשטאַרקט די רעפּ־עסיעס, האָט געניששטערט און געזוכט, האָט אַרעסטירט אַ גאַנצע ריי מענטשן, אויף וועלכע ס'איז געפֿאַלן דער מינדסטער חשד, אַז זיי האָבן אַ שייכות צו רעוואָלוציע.

אין דער נאַכט פֿון 24סטן מערץ, באַלד נאָכן אַטענטאַט אויף דרענטעלן און ערבֿ דעם אַטענטאַט אויפֿן צאַר, זיינען לויט אַ מסירה אַרעסטירט געוואָרן אין פּעטערבורג אַ גרופּע פֿון 11 ייִדישע יונגע לייט (צווישן זיי 6 פֿרויען), וואָס האָבן אַלע געשטאַמט פֿון ווילנע און האָבן געלעבט אין דער הויפּטשטאָט. די פּאָליציי האָט זיי באַשולדיקט, אַז זיי האָבן אַ שייכות צו אַ געהיימער דרוקעריי,[7] פֿאַרנעמען זיך מיט פֿאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און אַז אייניקע פֿון זיי האָבן ביי זיך אויסגעבאַהאַלטן מירסקין, דעם אויספֿירער פֿון אַטענטאַט אויף דרענטעלן,[8] הגם גאָר זיכער אין דעם איז די פּאָליציי ניט געווען. פֿון די אַרעסטירטע זיינען סאָלאָמאָן קאָיראַנסקי און מאַקס גאָרדאָן[9] מיט זייַן פֿרוי (אויך אַ געבוירענע קאָיראַנסקי) פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, די איבעריקע זיינען פֿאַרשיקט געוואָרן קיין ווילנע אונטער פּאָליציייִשער השגחה (זע ווייטער).

די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערן ווערן אין דער ליטעראַטור דערמאָנט נאָר אַגבֿ אורחא און קיין ראָלע האָבן זיי כמעט ווי ניט געשפּילט. אינטערעסאַנט איז אָבער דער דערמאָנטער עפּיזאָד גאָר איבער אַן אַנדער טעם: די פּאָליטישע פּאָליציי אין פּעטערבורג האָט צוגעשריבן דער טעטיקייט פֿון דער גרופּע אַ י ײ ד י ש ן כאַראַקטער און רעדט וועגן אַ „געהיימער ייִדישער געזעלשאַפֿט", וואָס זאָל זיך האָבן געשטעלט דעם ציל אָפּצושאַפֿן די אַנטי־ייִדישע געזעצן אין רוסלאַנד. אַזוי ווערט פֿאָרמולירט די באַשולדיקונג אין דער מעלדונג פֿונעם פּעטערבורגער „גראַדאָנאַטשאַלניק" צום אַרכאַנגעלסקער גובערנאַטאָר וועגן דעם פֿאַרשיקטן סטודענט סאַכאַראָוו, וואָס זאָל אויך האָבן עפּעס אַ שייכות צו דער גרופּע, הגם ער איז נאָר געווען ניט קיין ייִד, און דאָס אייגענע ווערט כמעט וואָרט אין וואָרט איבערגעחזרט אין דער מעלדונג פֿונעם ווילנער גובערנאַטאָר צום שעף פֿון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע בנוגע די פֿאַרשיקטע קיין ווילנע. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די עקסיסטענץ פֿון אַזאַ „ייִדישער געזעלשאַפֿט" אין יענע יאָרן איז אַ פּראָדוקט פֿון דער פּאָליציייִשער פֿאַנטאַזיע. מיר ברענגען דאָ די וויכטיקסטע טיילן פֿון די דאָזיקע צוויי דאָקומענטן.

---

6 זע אַרט' פֿון א. ט ש ע ר י ק אָ װ ע ר „ייִדן־רעוואָלוציאָנערן" אויבן אין דעם באַנד קאַפּ' 3.

7 ווערט מסתמא געמיינט די דרוקעריי, וואָס זונדעלעוויטש האָט געבראַכט פֿאַר דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" (שפּעטער אַריבער צו דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ"). אָבער פֿון דער ליטעראַטור איז ניט באַקאַנט, אַז די אַרעסטירטע, וואָס וועגן זיי איז דאָ די רייד, זאָלן האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער דרוקעריי.

8 לעאָן מירסקי (אַ זון פֿון אַ פּוילישן שליאַכטשיץ, פֿון קיִעווער גוב') איז אַרעסטירט געוואָרן ערשט אין 4 חדשים אַרום נאָך זייַן אַטענטאַט; פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, אָבער מ'האָט אים פֿאַרביטן די שטראָף אויף קאַטאָרגע אין סיביר (געשט' אין 1919—1920).

9 ס אָ ל אָ מ אָ ן ק אָ י ר אַ נ ס ק י, אַ געוו' תּלמיד פֿון ראַבינער־שול, איז געווען פֿאַרמישט אין די ערשטע ווילנער קרייזלעך אין 1875 (ליבערמאַן—זונדעלעוויטש) און אין 1876, אָבער ער איז דעמאָלט ניט געווען אַרעסטירט (ווערט דערמאָנט אין פּנחס קאָנס אַרטיקלען אין ז״ב „Еврейский Вестник", לענינגראַד 1928, און אויבן אין אונדזער באַנד). איצט, נאָך דעם אַרעסט אין פּעטערבורג אין 1879, איז ער פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר ביז 1884, שפּעטער געלעבט אין ווילנע.— מ אַ ק ס ג אָ ר ד אָ ן (מסתמא דער זעלביקער מאַרקוס גאָרדאָן, וואָס איז געווען פֿאַרמישט אינעם ערשטן ווילנער קרייזל פֿון 1875)—אויך אַ תּלמיד פֿון ראַבינער־שול. וועגן דעם שייכות פֿון מ. גאָרדאָנס אַרעסט, דעם 24 מערץ 1879, צום אַרעסט—אין דער זעלביקער נאַכט—פֿונעם באַוווסטן העברעיִשן פּאָעט י. ל. גאָרדאָן זע אויבן אין אַרט' פֿון א. טשעריקאָווער וועגן ייִדן־רעוואָלוציאָנערן, קאַפּ' 4.

С. Петербургскаго
Градоначальника
Отдѣленіе
по охраненію общественнаго
порядка и спокойствія
2-го Мая 1879 г.
№ 5589

**Секретно**

Господину Архангельскому
Губернатору

При дознаній о розысках существующей в С. Петербургѣ тайной типографіи и виновных в печатаніи и распространеніи революціонных изданій, ввѣренной мнѣ полиціей получены были свѣдѣнія из негласных источников о личностях (преимущественно евреях), занимавшихся этим преступным дѣлом, в качествѣ рабочих, а равно о других лицах, общая связь которых между собою по дѣлу представлялась несомнѣнною.

Обнаружилось также, что у главных из вышеупомянутых лиц скрывалась личность, сходная, по примѣтам, с виновным в покушеніи на жизнь Шефа Жандармов Генерал-Адьютанта Дрентельна, и что в Петербургѣ образовывается тайное еврейское общество, в котором участвуют всѣ означенныя лица, для достиженія отмѣны законоположеній, ограничивающих права евреев.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

(אַקטן פֿון גענ׳ זשאַנדאַרמעריע אין אַרכאַנגעלסקער גוב׳, ענין פֿון א. סאַכאַראָוו, לויטן רייסטער נר׳ 41, 1879).[10]

אינהאַלט פֿון דאָקומענט:

דער פּעטערבורגער „גראַדאָנאַטשאַלניק״ שרייבט אין אַ געהיימער מעלדונג צום אַרכאַנגעלסקער גובערנאַטאָר, דעם 2טן מאַי 1879, אַז די פּאָליציי האָט דורך אַ געהיימען מקור (דאָס מיינט—דורך אירע אַגענטן) באַקומען ידיעות, אַז אייניקע פּערזאָנען, דער עיקר ייִדן, פֿאַרנעמען זיך מיט דרוקן און פֿאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבעס, אַז ביי זייערע פֿירערס (ווער?) האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן אַ פּערזאָן, ענלעך צום אַטענטאַטאָר אויף גענ׳ דרענטעלן (געמיינט—ענלעך צו ל. מירסקין), און אויך, אַז אין פּעטערבורג „האַלט זיך ביים גרינדן אַ געהיימע ייִדישע געזעלשאַפֿט, אין וועלכער ס׳באַטייליקן זיך די אַלע אָנגעוויזענע פּערזאָנען, און וואָס שטרעבט דערצו עס זאָלן אָפּגעשאַפֿט ווערן די געזעצן, וועלכע באַגרענעצן די רעכט פֿון ייִדן״.

דער צווייטער דאָקומענט, אויך אַ געהיימער, איז אַ ווענדונג פֿונעם ווילנער גובערנאַטאָר צום שעף פֿון ווילנער זשאַנדאַרמעריע־פֿאַרוואַלטונג, פֿון 8טן מאַי 1879, נר׳ 820, וועגן איינשטעלן אַ השגחה איבער דער פֿאַרשיקטער גרופּע אין ווילנע, דערביי ווערן צוגעלייגט די נעמען פֿון די פֿאַרשיקטע און די מאָטיוון פֿון דער פֿאַרשיקונג. די מאָטיוון זיינען כמעט אַ ווערטלעכע איבערחזרונג פֿון דעם טייל אינעם ערשטן דאָקומענט:

„...по прикосновенности к дѣлу об учрежденіи в С. Петербургѣ тайной типографіи, распространенію революціонных изданій и укрывательствѣ личности, виновной в покушеніи на Генерал-Адьютанта Дрентельна, и об образованіи тайнаго общества для достиженія отмѣны законоположеній, ограничивающих права евреев".

---

10 באַקומען אַ דאַנק דער פֿריינדלעכער פֿאַרמיטלונג פֿון מ. מ. ד., פֿון אַרכאַנגעלסקער אַרכיוו־פֿאָנד.

(אַקטן פון געוו׳ ווילנער זשאַנדאַרמעריע פאַרן יאָר 1879, איצט אין ווילנער מלוכה־אַרכיוו).[11]

די נעמען פון די 8 פאַרשיקטע קיין ווילנע זײַנען (געבוירענע אין ווילנע אָדער ווילנער „מעשטשאַנעס"): 1) פּראָוויזאָר מ אָ י ס ע י ק אָ י ר אַ נ ס ק י, 2) געהילף פון געשוווירענעם אַדוואָקאַט א י ס אַ ק ק אָ י ר אַ נ ס ק י, 3) דער לערער א ר אָ ן ק אָ י ר אַ נ ס ק י, 4) מ אַ י ר ק ע ו ו ע ש, 5) פּ ע ס י ק אָ י ר אַ נ ס ק י, 6) ח י ה פּ ע ס ק אָ ו ו ס ק י, 7) פ י י נ ע י אַ ד־ ל אָ ו ו ק ע ה, 8) ד ב ו ר ה ק ע ו ו ע ש.[12]

די דאָזיקע פּאָליטישע פאַרשיקטע קיין ווילנע—אַ נײַע דערשײַנונג פאַר דער ווילנער אַדמיניסטראַציע—האָבן איר קענטיק פאַרשאַפט גרויס זאָרג. אין פאַרבינדונג דערמיט געפינט זיך אַ דריטער דאָקומענט: אַ ווענדונג פונעם שעף פון ווילנער זשאַנדאַרמעריע צו דער באַרימטער „דריטער אָפּטיילונג" אין פּעטערבורג וועגן דערלויבן אַריבערצופירן אַ טייל פאַרשיקטע אין די אַריעזד־שטעט פון דער גובערניע. מיר ברענגען דאָ דעם וויכטיקסטן טייל פון דעם דאָקומענט אין אָריגינאַל:

Начальник
Виленскаго Губернскаго
Жандармскаго Управленія
20 мая 1879 года
№ 178
г. Вильна

Секретно

О высылкѣ из г. Вильны неблагонадежных лиц.

В послѣднее время по распоряженію С. Петербургскаго и Кіевскаго Генерал Губернаторов прислано „13" лиц исключительно Евреев в г. Вильну на жительство с учрежденіем за ними полицейскаго надзора. Кромѣ того, подобных лиц тоже из евреев, замѣшанных в неблагонадежности в политическом отношеніи по производившимся здѣсь делам, находится „22" человѣка. За всѣми названными лицами должно быть постоянное наблюденіе со стороны ввѣреннаго мнѣ управленія, что весьма затруднительно, особенно в лѣтнее время, когда они большею частью живут в окрестностях Вильны, города в котором из 90000 жителей около 50000 одних евреев. Здѣсь-же Учительскій еврейскій Институт и другія учебныя заведенія и много учащейся молодежи, склонной к увлеченіям, что представляет обширное поле для преступных дѣйствій пропагандистов. В виду этого я счел необходимым доложить Г-ну Виленскому Генерал Губернатору не признано ли будет полезным нѣкоторых

---

11 באַקומען אַ דאַנק דער פרײַנדלעכער פאַרמיטלונג פון פּראָף. ד״ר נ. יאַפּע, ווי בכלל אַלע וויַטערדיקע דאָקומענטן פונעם ווילנער מלוכה־אַרכיוו.

12 צווישן די אַרעסטירטע אין פּעטערבורג דעם 24סטן מערץ 1879 איז געווען אויך דער סטודענט ל י י ז ע ר ק אָ י ר אַ נ ס ק י, פון דער זעלביקער משפחה, אָבער ער איז אָפּגעזעסן 6 חדשים אין תּפיסה און ערשט דערנאָך אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע, דערפאַר פעלט ער אין דער רשימה; וועגן אים זע „ביאָ־ביבל׳ לעקסיקאָן פון די רעוו׳ טוער" (פאַרלאַג „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס"), ב׳ 2 (70ער יאָרן), העפט 2. דער דערמאָנטער מאיר ק ע ו ו ע ש האָט קענטיק געהאַט אַ שײַכות צום צווייטן ווילנער קרײַז פון 1876; אין ווילנע איז ער אונטער פּאָליציי׳שער השגחה אָפּגעווען נאָר עטלעכע חדשים און אין אויגוסט 1879 איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע (זע „ביאָ־ביבליאָגר׳ לעקסיקאָן", ב׳ 2׳ ה׳ 2, ז׳ 561); דבורה קעוועש (געב׳ רוווינאָוו) זאָל אויך האָבן געהאַט אַ שײַכות צום רעוו׳ קרײַזל אין ווילנע אין די 70ער יאָרן.

из таких лиц отправить на жительство в уѣздные города Виленской Губерніи, гдѣ присмотр за ними болѣе удобен.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

Г-ну Управляющему 3 Отд. Е. И. В. Канцеляріи.

(אַקטן פון גענער׳ ווילנער זשאַנדאַרמעריע פאַרן יאָר 1879, איצט אין ווילנער מלוכה־אַרכיוו).

אינהאַלט פון דאָקומענט:

די ווילנער זשאַנדאַרמעריע שרײַבט צו דער „דריטער אָפּטײלונג" אין פּעטערבורג, דעם 20 מאַי 1879, נר׳ 178, אַז די לעצטע צײַט זײַנען פון פּעטערבורג און פון קיִעוו אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע אויף פּאָליצײיִשער השגחה 13 פּערזאָן, „אויסשליסלעך ייִדן"; חוץ דעם געפינען זיך אין ווילנע גופא 22 פּערזאָן, וואָס זײַנען פאַרמישט אין פּאָליטישע ענינים און שטייען אויך אונטער אַ השגחה.[13] אויפּפּאַסן אויף די אַלע פּערזאָנען איז זייער שווער, באַזונדערס זומערצײַט, ווען זיי פאָרן אַרויס אויף דאַטשע הינטערן שטאָט; ווילנע איז אַ שטאָט פון 90 טויזנט אײַנוווינער, פון זיי ייִדן אַליין 50 טויזנט; דאָ געפינט זיך דער ייִדישער לערער־אינסטיטוט און אַנדערע לערנאַנשטאַלטן און אַ שולייוגנט, וואָס איז נוטה צו ווערן פאַרפירט „און שטעלט מיט זיך פאָר אַ ברייט פעלד פאַר די פאַרברעכערישע מעשׂים פון די פּראָפּאַגאַנדיסטן". מחמת דעם וואָלט נייטיק געווען אייניקע פון זיי אַריבערצופירן אין די אויעזד־שטעט פון ווילנער גובערניע, וווּ אויפּפּאַסן אויף זיי וועט זײַן אַ סך לײַכטער.

III

## פּראָיעקט פון אַן אַגענטור פון געהיים־פּאָליצײַ אין ווילנע (1889)

צום סוף די 80ער יאָרן איז ווילנע שטאַרק אויסגעוואַקסן ווי אַ רעוואָלוציאָנערער צענטער. זי האָט געהאַט ניט ווייניק פּאָליטיש פאַרשיקטע און אָרטיקע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זײַנען געשטאַנען אונטער אַ פּאָליצײיִשער השגחה. די יוגנט איז געווען ראַדיקאַל געשטימט. עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ גאַנץ גרויסע נאַראָדאָוואָלישע גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען דאָס רובֿ פון ייִדן: דעמבאָ, יאָגיכעס, נאָטקין, ה. ראַפּאָפּאָרט, יודעלעוויסקי, איסײַ אײַזנשטאַט און אַ רײ אַנדערע (פון ניט־ייִדן—גנאַטאָווסקי); אויך צווישן דער פּוילישער אינטעליגענץ האָט זיך געמערקט אַ פאַרשטאַרקונג פון טעראָריסטישע שטימונגען (די ברידער פּילסודסקי, פּאַשקאָווסקי א״אַ). אין מערץ 1887 זײַנען דאָ פאָרגעקומען אַרעסטן אין פאַרבינדונג מיטן אַטענטאַט אין פּעטערבורג אויף אַלעקסאַנדער III, אַ רײ פּערזאָנען זײַנען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, אייניקע טוער האָבן זיך געמוזט אָפּטראָגן קיין אויסלאַנד.[14] אָבער די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין ווילנע האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן אַרבעטער־קרײַזלעך, די ערשטע ייִדישע אַרבעטער־קאַסעס און אַרטעלן.

די ווילנער זשאַנדאַרמעריע איז געוואָרן שטאַרק באַאומרויִקט און דעם 1טן אויגוסט 1889 האָט זי זיך געווענדט קיין פּעטערבורג צום פּאָליצײַ־דעפּאַרטאַמענט מיט אַ פּראָיעקט צו אָרגאַניזירן אין ווילנע אַ רעגולערע שפּיאָנאַזש־אַגענטור אויף נאָכצושפּירן די רעוואָלוציאָנערן און האָט פאַרלאַנגט דערויף אַ ספּעציעלע סובסידיע. דער דאָזיקער דאָקומענט, וואָס איז איצט געפונען געוואָרן אין גענער׳ ווילנער זשאַנדאַרמעריע־אַרכיוו, איז זייער כאַראַקטעריסטיש ווי אַן עדות פון דער אָנוואַקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער שטימונג צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ

---

13 אין די 13 פאַרשיקטע גייען אַרײַן משמעות 5 פון קיִעוו, חוץ די 8 פון פּעטערבורג; די 22 פּערזאָן זײַנען, ווי מ׳קען פאַרשטיין, די ווילנער מיטגלידער פונעם צווייטן קרײַזל 1876.

14 פ״גל די זכרונות אין דעם באַנד פון שאַרל ראַפּאָפּאָרט און די הוספה פון ליובע אַקסעלראָד־אָרטאָדאָקס.

אין ווילנע. מיר ברענגען דאָ אין אָריגינאַל דעם טייל פֿון פּראָיעקט, ווו עס ווערט כאַראַקטע־ריזירט די פּאָליטישע שטימונג צווישן די ווילנער און ווו ס'ווערט מאָטיווירט אויפֿן פּאָליציייִשן לשון די נייטיקייט פֿון אַ סיסטעמאַטישער שפּיאָנאַזש־אַגענטור:

Проект учрежденія правильной агентуры в Вильнѣ

Город Вильна находится в исключительном положеніи, как по своему народонаселенію, значительный процент котораго составляют евреи, так и по близости Австрійской и Прусской границы. Кромѣ того Вильна лежит и в узлѣ желѣзных дорог.

В виду такого положенія, необходимо в Вильнѣ образовать правильную агентуру, без которой открытіе противуправительственных лиц не мыслимо. Что Вильна служит удобным пріютом для злоумышленников, не подлежит никакому сомнѣнію, доказательством чему служит то, что вся корреспонденція, направляемая из за границы в Россію бѣжавшими за границу политическими преступниками и задерживаемая властями, имѣет всегда прямое отношеніе к городу Вильнѣ. Самый факт отпечатанія в Лондонѣ брошюры возмутительнаго содержанія под фирмой виленской типографіи „Вдова и братья Ромм", под заглавіем „Gesetz und Autoritaet", служит убѣжденіем, что преступники питают большія надежды на Вильну

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

За границей, преимущественно в Бернѣ и Цюрихѣ, как извѣстно, проживает масса уроженцев города Вильны, как скрывающихся от преслѣдованій, так и проживающих там нелегально по своим частным дѣлам.— Первые вошли в кружок всевозможных противуправительственных партій; вторые служат пособниками первых и связующим звеном с лицами, находящимися в Вильнѣ, и передают нужный матеріал для преступной дѣятельности. Всѣ эти лица пересылают из за границы в Вильно громадное количество писем, которыя доходят по адресу безконтрольно и безнаказанно.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

(אַקטן פֿון געוו' ווילנער זשאַנדאַרמעריע פֿאַרן יאָר 1889; איצט אין ווילנער מלוכה־אַרכיוו).

איבערזעצונג:

„אַ פּראָיעקט וועגן שאַפֿן אַ רעגולערע אַגענטור אין ווילנע

„די שטאָט ווילנע געפֿינט זיך אין אַן אויסשליסלעכער לאַגע, הן לויט איר באַפֿעלקערונג, וואָס אַ באַדײַטיקער פּראָצענט פֿון איר בילדן די ייִדן, און הן לויט איר שכנות מיט דעם עסטרײַכישן און פּרײַסישן גרענעץ. חוץ דעם ליגט ווילנע אין אַ קרייצפּונקט פֿון די אײַזנבאַנען.

„מחמת דער לאַגע איז נייטיק צו שאַפֿן אין ווילנע אַ ריכטיק פֿונקציאָנירנדיקע אַגענטור, אָן וועלכער ס'איז אוממעגלעך אויפֿצודעקן (די טעטיקייט) פֿון די אַנטי־רעגירונגס־פּערזאָנען. עס איז קיין שום ספֿק ניט, אַז ווילנע דינט פֿאַר בייזוויליקע פּערזאָנען ווי אַ באַקוועמער מקום־מקלט, און אַ באַווײַז איז, וואָס די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע ווערט צוגעשיקט פֿון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד דורך די פּאָליטישע פֿאַרברעכערס, אַנטלאָפֿענע קיין אויסלאַנד, און וועלכע ווערט פֿאַרהאַלטן פֿון דער מאַכט, האָט שטענדיק אַ דירעקטע שייכות צו דער שטאָט ווילנע. דער פֿאַקט אַליין, וואָס אין לאָנדאָן איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ בראָשור מיט אַן אויפֿהעצערישן

אינהאַלט אונטער דער פירמע „האלמנה והאחים ראָם“ און מיטן נאָמען „געזעץ און אויטאָריטעט“, איז דער בעסטער באַווייז, אַז די פאַרברעכער ליגן גרויס האָפענונג אויף ווילנע......

„.... אין אויסלאַנד, דער עיקר אין בערן און ציריך, לעבן, ווי באַקאַנט, אַ סך ווילנער, הן אַזעלכע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס פון געריכט, און הן אַזעלכע, וואָס ווײַנען דאָרט אומלעגאַל איבער זייערע פּריוואַטע ענינים. די ערשטע זײַנען צערײַנגעטראָטן אינעם קרײַז פון אַלערליי אַנטי-רעגירונגס-פּאַרטייען, די צווייטע דינען ווי אויסהעלפער פאַר די ערשטע און ווי אַ פאַרבינדונגס-רינג מיט די פּערזאָנען, וואָס געפינען זיך אין ווילנע און גיבן איבער דעם ניטיקן מאַטעריאַל פאַר פאַרברעכערישער אַרבעט. די אַלע פּערזאָנען שיקן איבער פון אויסלאַנד קיין ווילנע אַן אומגעהײַערע צאָל בריוו, וואָס דערגייען צו די אַדרעסאַטן אָן אַ קאָנטראָל און אָן אַ שום שטראָף....“

פון דעם דאָקומענט איז צו זען, אַז די ווילנער זשאַנדאַרמעריע האַלט די ייִדישע באַפעלקערונג פאַר איינער פון די הויפּט-סיבות, וואָס ווילנע איז געוואָרן אַ מקום-מקלט פאַר „פּאָליטישע פאַרברעכערס“. די ווילנער זײַנען אויך אַקטיוו אין דער אויסלענדישער עמיגראַציע: דאָ ווערן זיכער געמיינט אין דער ערשטער ריי די ווילנער „נאַראָדאָוואָלצעס“ דעמבאָ און גנאַ־אָווסקי, וואָס זײַנען געווען זייער טעטיק אין ציריך, באַזונדערס דער ערשטער, וועלכער איז, ווי באַקאַנט, אומגעקומען בײַם אויספּרוּוון אויפֿרײַסשטאָף אין וואַלד בײַ ציריך אין פעברואַר 1889. אין דער שווייץ איז דעמאָלט אָקערשט געקומען אויך ח. ראַפּאָפּאָרט (אַ ביסל שפּעטער אויך יאָגיכעס). חוץ דעם זעען מיר, אַז די פאַרבינדונגען צווישן ווילנע און אויסלאַנד זײַנען שוין דעמאָלט געווען גאַנץ ברייטע, מען שיקט אַריבער בריוו, מאַטעריאַלן און ליטעראַטור.

אַ באַזונדער אינטערעס פאַרדינט דער אָנווײַז אין דעם דאָקומענט וועגן דער לאָנדאָנער בראָשור מיט דעם פאַלשן שער: עס האַנדלט זיך וועגן דער בראָשור „געזעץ און אויטאָריטעט“ פון פּ. קראָפּאָטקין, וואָס די אַנאַרכיסטישע גרופּע „ריטער דער פרײַהייט“ אין לאָנדאָן האָט דעמאָלט, אין 1889, אַרויסגעגעבן אין אַ ייִדישער איבערזעצונג פון פ. א. פראַנק (ד״ר מעריסאָן). ווי מיר דערוויסן זיך איצט, איז די דאָזיקע בראָשור צוגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע מיט אַ פאַלשן שער, ווי כלומרשט אַ לעגאַלע אויסגאַבע פון דער ווילנער ראָם-דרוקערײַ. דער דאָזיקער פאַקט איז ביז איצט געווען לחלוטין אומבאַקאַנט; וועגן דעם, אַז שפּעטער, אין די 90ער יאָרן, פלעגט מען באַנוצן אַזאַ מיטל פאַר די ייִדישע סאָציאַליסטישע בראָשורן פון אויסלאַנד כּדי אָפּצונאַרן די פּאָליצײַ, איז גוט באַקאַנט, אָבער דאָ האָבן מיר פאַר זיך דעם ערשטן פאַל אַזאַ, נאָך צום סוף די 80ער יאָרן.

נאָך די ציטירטע אַרגומענטן, וואָס די ווילנער זשאַנדאַרמעריע אַנטוויקלט אין אָנהייב פון איר פּראָיעקט, לייגט זי פאָר קאָנקרעט דעם פּאָליצײַ-דעפּאַרטאַמענט: צעטיילן ווילנע אויף 8 באַצירקן און אין יעדן באַצירק האָבן אַ געהיימען אַגענט, וואָס זאָל נאָכשפּירן די פּאָליטיש פאַרדעכטיקע, אויסהאַלטן אַ באַזונדערע קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר פאַר די אַגענטן, האָבן אויך אַ ספּעציעלן אַגענט צווישן דער ווילנער שטודיר-יוגנט און אַן אַגענט, וואָס זאָל געהיים קאָנטראָלירן די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענץ. צום סוף קומט אַ גענויע אויפשטעלונג פון די דערצו נייטיקע הוצאות — 3840 רובל אַ יאָר — „אַ סומע ניט קיין באַדײַטיקע, באַזונדערס ווען מען באַטראַכט דעם נוצן, וואָס אַזאַ אַגענטור קען ברענגען פאַר אַנטדעקן די מלוכה-פאַרברעכנס אין ווילנע“. דער דאָזיקער פּראָיעקט איז געחתמעט פונעם ווילנער זשאַנדאַרמעריע-שעף גענעראַל פאָן ראָטקירך און איז דאַטירט דעם 1טן אויגוסט 1889. דעם 28סטן סעפּטעמבער און 10טן אָקטאָבער פונעם זעלביקן יאָר האָט די ווילנער זשאַנדאַרמעריע באַקומען פונעם דירעקטאָר פון פּעטערבורגער פּאָליצײַ-דעפּאַרטאַמענט פּ. דורנאָוואָ צוויי תּשובֿות אויף איר ווענדונג: דער פּאָליצײַ-דעפּאַרטאַמענט איז מיט דעם פּראָיעקט ניט מסכּים און האַלט אים פאַר אומפּראַקטיש, אָבער „היות ווי ס'זײַנען פאַראַן ידיעות וועגן אַ דערוואַרטן צושטראָם פון השודיקע פּערזאָנען קיין ווילנע און וועגן אַן אויפלעבונג אין דער אַרבעט פון די אָרטיקע רעוואָלוציאָנערן“, איז

דער דעפּאַרטאַמענט גרייט צו פֿאַרגרעסערן די סובסידיע בכלל און אַסיגנירט פֿון יאַנואַר 1890 אָן ביז 4000 רובל אַ יאָר און פֿאַר די לעצטע צוויי חדשים פֿון 1889—נאָך 500 רובל, דאָס מיינט—אַפילו מער ווי די ווילנער זשאַנדאַרמעריע האָט פֿאַרלאַנגט.

## IV

## ש. קלאַטשקאָ, אַנאַ עפּשטיין און אַ. גאָבעט און די ווילנער זשאַנדאַרמעריע (1877—1875)

די דריי דאָקומענטן, וואָס מיר ברענגען ווייטער, זיינען געפֿונען געוואָרן לעצטנס אין ווילנער מלוכה־אַרכיוו, צווישן די אַקטן פֿון געוו׳ ווילנער זשאַנדאַרמעריע פֿאַר די יאָרן 1875—1877, און זיינען נוגע דריי באַקאַנטע יידן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון ווילנע.—דער ערשטער דאָקומענט איז אַן אינסטרוקציע פֿון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע וועגן אַ „געהיימער, אָבער ביז גאָר שטרענגער״ השגחה איבער ס אַ מ ו י ל (ס ע מ י אָ ן) ק ל אַ ט ש ק אָ, וואָס איז באַקאַנט ווי דער פֿירער פֿון די „טשאַיקאָווצעס״ אין מאָסקווע. פֿון דעם דאָקומענט ווערט קלאָר, אַז דער אָנווייז פֿון קלאַטשקאָס ביאָגראַפֿן, אַז ער האָט אָנהייב 1873 עמיגרירט קיין אויסלאַנד, איז ניט ריכטיק:[15] ביז מאַי 1874 איז ער נאָך געווען אין מאָסקווע און שפּעטער, ווי די פּאָליציי מיינט, האָט ער באַדאַרפֿט אָנקומען קיין ווילנע. פֿון אַן אַנדער מקור איז באַקאַנט, אַז אין אויגוסט 1875 איז אַרויס אַ פֿאַראָרדענונג צו פֿאַרשיקן אים קיין אָלאָנעצק, אָבער צו יענער צייט איז שוין קלאַטשקאָ געווען אין אויסלאַנד.

דער צווייטער דאָקומענט איז אַ פּאָליצייִשער ראַפּאָרט וועגן די רעזולטאַטן פֿון נאָכשפּאָנירן אַ נ אַ ע פּ ש ט י י ן, וואָס ווערט געהאַלטן פֿאַר איינער פֿון די ערשטע ייִדישע רעוואָלוציאָנערינס אין רוסלאַנד, וועלכע האָט איבערגעבראַכט די סאָציאַליסטישע אידעען קיין ווילנע. דער דריטער דאָקומענט—אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דער „דריטער אָפּטיילונג״ אין פּעטערבורג אויסצוגעפֿינען און אַרעסטירן דעם באַוווּסטן רעוואָלוציאָנער אַ ה ר ן ג אָ ב ע ט, וועלכער איז נאָכן דורכפֿאַל ביים פֿירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן די סאָלדאַטן אין אָדעס אַנטלאָפֿן פֿון זיין פּולק.[16]

די דאָקומענטן זיינען פֿאַרשטייט זיך געהיימע און זיינען באַזונדערס וויכטיק דערפֿאַר, וואָס וועגן די אַלע דריי פּערזאָנען זיינען אין דער ליטעראַטור פֿאַרבליבן לפֿי־ערך זייער ווייניק ידיעות.

### I

### וועגן איינשטעלן אַ „געהיימע און שטרענגע״ השגחה איבער ס. קלאַטשקאָ (1875)

Начальник
Виленскаго Губернскаго
Жандармскаго Управленія

26 іюня 1875
№ 133
г. Вильна

<u>Секретно</u>

Начальник Московскаго Губернскаго Жандармскаго Управленія отзывом от 22 сего іюня 30, № 606 увѣдомил меня, что прикосновенный по дѣлам дознанія, производимаго в том Управленіи на основаніи закона 19 мая 1871 года по преступным сношеніям нѣкоторых лиц в Имперіи

---

15 זע „ביאָ־ביבליאָגראַפֿישער לעקסיקאָן פֿון די רעוו׳ טוער״ (פֿאַרלאַג „פּאָליטקאַטאָרזשאַנעס״), ב׳ 2 (70ער יאָרן), העפֿט 2.

16 זע וועגן זיי אויספֿירלעכער אין אַרט׳ פֿון א. ט ש ע ר י ק אָ װ ע ר „יידן־רעוואָלוציאָנערן״ אין אָנהייב פֿון אונדזער באַנד.

с Русскими эмигрантами, студент Московскаго университета Самуил Львович Клячко (из евреев), состоящій по распоряженію III Отдѣленія Собственной Его Императорскаго Величества канцеляріи под наблюденіем и о коем в числѣ прочих лиц сдѣлано тѣм отдѣленіем распоряженіе о невыдачѣ ему свидѣтельства на выѣзд заграницу, в послѣдних числах прошлаго мая выбыл из Москвы в Вильну, гдѣ у него проживают родственники.

Вмѣстѣ с тѣм Начальник Московскаго Губернскаго Жандармскаго Управленія, об'ясняя, что вышеупомянутый Клячко человѣк весьма либеральнаго направленія и в политическом отношеніи неблагонадежный, состоял в числѣ главных дѣятелей по сношеніям Русских с Цюрихскими эмигрантами и ему присылали шифрованныя письма, что он занимался распространеніем книг соціальнаго направленія и, составляя [!] за собою авторитет демократа и соціалиста, старается возбуждать в средѣ учащейся молодежи стремленіе к необходимости осуществленія кружков самообразованія и распространенія между нею книг соціальнаго содержанія, просит об учрежденіи за этим Клячкою во время пребыванія его в Вильнѣ особо строгаго и негласнаго наблюденія.

Вслѣдствіе вышеизложеннаго и в виду совершенной неблагонадежности сказаннаго[!] студента Клячко, и независимо от распоряженій, сдѣланых по ввѣренному мнѣ Управленію о наблюденіи за этой личностью, считаю необходимым все вышеприсанное сообщить Вашему Высокоблагородію и покорнѣйше просить учредить со своей стороны негласное, но самое строгое наблюденіе за образом жизни, поведеніем и сношеніям Клячко за время пребыванія его в Вильнѣ, не оставляя увѣдомить меня, как о всем замѣченном за ним, так и о временном выѣздѣ его из этого города.

До настоящаго времени Клячко еще не прибыл, но вѣроятно скоро должен пріѣхать.

Генерал Маіор Лосев

Господину Виленскому Полицмейстеру

### אינהאַלט פון דאָקומענט:

דער שעף פון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע־פאַרוואַלטונג גענעראַל לאָסעוו שרייַבט געהיים, דעם 21סטן יוני 1875 (נר׳ 133), צום ווילנער פאָליצמייַסטער, אַז ער האָט באַקומען אַ מעלדונג פון דער מאָסקווער זשאַנדאַרמעריע וועגן דעם דאָרטיקן סטודענט סאַמויִל קלאַטשקאָ, וועלכער „שטאַמט פון ייִדן״, געפינט זיך אונטער דער פאָליצייִשער השגחה און האָט באַקומען אַן אָפּזאָג אין דערלויבן אים צו פאָרן קיין אויסלאַנד, אַז סוף מאַי 1874 האָט ער פאַרלאָזט מאָסקווע כּדי צו קומען קיין ווילנע, ווו ער האָט קרובֿים; דער דאָזיקער קלאַטשקאָ „איז אַ מענטש פון זייער אַ ליבעראַלער טענדענץ [!] און פּאָליטיש ניט קיין כּשרער״, ער איז געשטאַנען בראש פון די פאַרבינדונגען מיט די ציריכער עמיגראַנטן, פֿלעגט פאַרשפּרייטן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און האָט געהעצט די שטודיר־יוגנט. און דעריבער דאַרף מען איבער אים אין ווילנע „אייַנשטעלן אַ געהיימע, אָבער ביז גאָר אַ שטרענגע השגחה״. גענעראַל לאָסעוו פאַראָרדנט, אַז מ׳זאָל שטרענג אויפפּאַסן אויף קלאַטשקאָ ווי ער פירט זיך אויף און מיט וועמען ער באַגעגנט זיך אין ווילנע. „ביז איצט—איז ער מוסיף צום סוף—איז נאָך קלאַטשקאָ ניט אָנגעקומען (קיין ווילנע), אָבער מסתּמא דאַרף ער אין גיכן קומען״.

## 2

## פאליצײיִשע אגענטור-ידיעות װעגן אנא עפשטײן (1875)

В С. Петербургѣ проживает, на Большой Дворянской улицѣ, в домѣ Почтовой Конторы, в квартирѣ г-жи Абрамович (еврейки), студентка Академіи или другого учебнаго заведенія Анна Михайловна Эпштейн — родители которой проживают в Вильнѣ.

В квартирѣ Эпштейн в С. Петербургѣ бывают собранія студентов и студенток исключительно евреев и один русскій Бобков или Попков, а из евреев—родственники, которые проживают в Вильнѣ: студент Койранский Лазарь, Гордон и студентки Фридберг, Мемис и др.

Эпштейн была в Вильнѣ во время Пасхи в настоящем году — ѣздила отсюда заграницу и пріѣхала в С. Петербург обратно. До выѣзда Эпштейн в С. Петербург она находилась в постоянных сношеніях с Зунделевичем и другими воспитанниками раввинскаго училища.

איבערזעצונג:

„אין פעטערבורג, אויף דער גרויס-דװאריאנישער גאס, אין הויז פון דער פאסט, אין דירה פון פרוי אבראמאװיטש (א ייִדישקע), װוינט די סטודענטין פון אקאדעמיע, אדער פון אן אנדער לערנאנשטאלט, אנא מיכאילאװנא עפשטײן, װאס אירע עלטערן לעבן אין װילנע. בײַ עפשטײן, אויף איר קװארטיר אין פעטערבורג, קומען פאר פארזאמלונגען פון סטודענטן און סטודענטינס, אויסשליסלעך ייִדן, און אויך—אײן רוס מיטן נאמען באבקאװ אדער פאפקאװ, און פון ייִדן—קרובים, װאס לעבן אין װילנע: דער סטודענט קאיראנסקי לײזער, גארדאן[17] און די סטודענטינס פרידבערג, מעמיס א״א. עפשטײן איז אויף פסח דאס יאר געװען אין װילנע—פון דאנען איז זי געפארן קײן אויסלאנד און האט זיך אומגעקערט קײן פעטערבורג. ביז איר אפפאר קײן פעטערבורג איז זי [אין װילנע] געשטאנען אין א שטענדיקער פארבינדונג מיט זונדעלעװיטשן און מיט די אנדערע תלמידים פון ראבינער-שול".

דער דאזיקער דאקומענט, א ניט געחתמעטער ראפארט װעגן די רעזולטאטן פון נאכ-שפיאנירן אנא עפשטײן, איז געפונען געװארן אין װילנער גענ' זשאנדארמעריע-ארכיװ צװישן די אקטן װעגן אהרן זונדעלעװיטשן פארן יאר 1875. װאס אין דעם דאקומענט איז אינטערעסאנט, איז דער פאקט, אז אנא עפשטײן האט זיך געפונען אין אן ענגער פארבינדונג מיט זונדעלעװיטשן און די אנדערע תלמידים פון דער געװעזענער ראבינער-שול, װאס דארף מײנען—מיט די מיטגלידער פונעם ערשטן רעװאלוציאנערן קרײַזל אין װילנע פון ליבערמאן-זונדעלעװיטש.

## 3

## די „דריטע אפטײלונג“ אין דער זוכעניש נאך אהרן גאבעט (1877)

Начальник  
Виленскаго Губернскаго  
Жандармскаго Управленія  
10 Октября 1877 г.  
№ 294  
г. Вильна

Секретно

III-е Отдѣление Собственной Его Императорскаго Величества канцеляріи от 5 и 6 сего Октября, за № 3347 и 3357-ым увѣдомило меня, что

---

17 װעגן לײזער קאיראנסקי און גארדאן (מאקס) זע אויבן.

необходимо разыскать и арестовать привлеченнаго по дѣлу о преступной пропагандѣ, скрывшагося из Одессы, унтер офицера 60 пѣхотнаго Замосьцкаго полка Израиля Арона Янкелевича Гобета. Примѣты его; 32 лѣт, рост выше средняго, тѣлосложеніе плотное, брюнет, носит черную окладистую бороду, которую, как говорят, при побѣгѣ сбрил. Он еврей Виленской Губерніи и уѣзда, знает сапожное мастерство и до призыва служил на Одесской желѣзной дорогѣ в г. Одессѣ.

Господину Виленскому Полицмейстеру.

איבערזעצונג:

„געהיים. שעף פון ווילנער גובערניאַלער זשאַנדאַרמעריע־פאַרוואַלטונג. 10טן אָקטאָבער 1877, נר׳ 294, ווילנע. (צום ווילנער פּאָליצמייסטער).

„די דריטע אָפּטיילונג פון דער פּריוואַטער קאַנצעלאַריע פון זײַן מאַיעסטעט האָט מיך געלאָזט וויסן דעם 5 און 6 אָקטאָבער, אונטער די נר׳ 3347 און 3357, אַז עס איז נייטיק אויסצוגעפינען און אַרעסטירן דעם אונטער־אָפיציר פונעם 60סטן זאַמאָשטשער פוסגייער־פּולק ישׂראל־אהרן דעם זון פון יעקבֿ ג אָ ב ע ט, וועלכער איז צוגעצויגן געוואָרן (צום געריכט) פאַר פאַרברעכערישער פּראָפּאַגאַנדע און איז אַנטלאָפן פון אַדעס. זײַנע סימנים: 32 יאָר אַלט, העכער פון מיטעלן וווקס, א פעסט געבויטער, ברונעט, האָט א שוואַרצע ברייטע באָרד, וועלכע ער האָט, ווי מ׳זאָגט, אָפּגעגאָלט בײַם אַנטלויפן. ער איז א ייִד פון ווילנער גובערניע און אויעזד, קען שוסטערײַ און ביזן מיליטער האָט ער געדינט אויף דער אײַזנבאַן אין אַדעס״.

אהרן גאָבעט איז דער שפּעטערדיקער טעראָריסט פ י אָ ד אָ ר אָ װ, וואָס איז אין יוני 1879 אויפגעהאַנגען געוואָרן אין קיִעוו.

V

# צו דער רעפּראָדוקציע פון העסיע העלפמאַנס בריוו

דער בריוו פון דער באַוווסטער „נאַראָדאָוואָלקע״ ה ע ס י ע ה ע ל פ מ א ן, וואָס איז געווען פאַרמישט אינעם צאַרן־אַטנטאַט פון 1טן מערץ 1881, איז געפונען געוואָרן אין פּאָליציי־אַרכיוו פון דער צפון־געגנט. ער איז געשריבן דעם 29סטן סעפּטעמבער 1878 פון דער פּעטערבורגער טורמע „ליטאָווסקי זאַמאָק״ (ליטווישער שלאָס), ווו העסיע העלפמאַן איז אָפּגעזעסן איר טערמין נאָך איר ערשטן משפט אין 1877 („פּראָצעס פון די 50״) ביז דער פאַרשיקונג אין 1879. דער בריוו איז געווענדט: „מײַן טײַערע סאָניע״ און איז אַדרעסירט צו ס אָ פ י א א י װ א נ אָ װ־ ב אָ ר י י ש אַ,[18] וואָס אין אירע אַקטן איז ער טאַקע געפונען געוואָרן. סאָפיאַ איוואַנאָוו־באָריישאַ געהער צו די אָנגעזעענסטע רעוואָלוציאָנערינס, שפּעטער באַקאַנט ווי א טעטיקער מיטגליד פון „זעמליאַ אי וואָליאַ״ און „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, איז אין יאַנואַר 1878 אויפן גרויסן „פּראָצעס פון 193״ פאַרשיקט געוואָרן אין ווײַטן צפון, קיין קעם, אַרכאַנגעלסקער גובערניע. דער בריוו איז בכן נעגאַנגען פון פּעטערבורגער טורמע אין דעם פאַרשיקונגס־אָרט קעם, מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט, און איז שפּעטער צוגעלייגט געוואָרן צו די אַקטן פון סאָפיאַ איוואַנאָוו־באָריישאַ, און אפשר איז ער פון דער מאַכט אין קעם קאָנפיסקירט געוואָרן?

אין דעם בריוו שרײַבט העסיע העלפמאַן צו איר חבֿרטע באַריכות וועגן די איבעריקע חבֿרים פון די ביידע דערמאָנטע פּראָצעסן—ווער ווו ס׳געפינט זיך, וווהין פאַרשיקט געוואָרן און ווי עס לעבט זיך. וועגן זיך שרײַבט זי גאָר קורץ: „איך האָב ניט קיין „סווידאַניעס״ [זעענישן]: מ׳האָט פאַרווערט. דערגײַין די סיבות נעם איך זיך ניט אונטער; כ׳בין אין גאַנצן מסכּים מיט

18 סאָפיאַ איוואַנאָוו האָט חתונה געהאַט מיטן באַקאַנטן נאַראָדאָוואָלעץ באָריישאַ (שטאַמט פון ווײַסרוסן).

דיר, אַז „אַלץ איז פון גאָט"... איך בין נאָך אַלץ קראַנק: האָב צו טון מיטן מאָגן, קען קיין שום עסן ניט פאַרדייַען".[19]

דער בריוו איז געשריבן אין אַן אויסגעצייכנטן רוסיש און האָט אַ באַזונדערן ווערט אויך דערפאַר, ווייַל קיין אַנדערע בריוו פון העלפמאַן זייַנען, ווי ווייַט אונדז איז באַקאַנט, ניט אויפגעהיט געוואָרן. מיר רעפּראָדוצירן דאָ דאָס ערשטע און לעצטע זייַטל פון אים (זע ווייַטער די פאָטאָגראַפיע).

אויך דאָס **בילד** פון העסיע העלפמאַן, וואָס מיר רעפּראָדוצירן, איז געפונען געוואָרן אין די געווי' פּאָליציי-אַרכיוון ערשט נאָך דער רעוואָלוציע.[20]

---

19 ניקאָלאַי מאָראָזאָוו אין ווערא פיגנער האָבן אין 1934 באַשטעטיקט, אַז דער בריוו איז געשריבן געוואָרן צו סאָפיע איוואַנאָוו-באָרישאַ, און האָבן דעשיפרירט די נעמען, וואָס ווערן אינעם בריוו דערמאָנט.

20 דעם בריוו און דאָס בילד האָבן מיר באַקומען אַ דאַנק דער פריינדלעכער פאַרמיטלונג פון מ. מ. ד.

# הוספֿות

## צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿונעם טעראָריסט גריגאָרי גאָלדענבערג

נאָך דעם, ווי מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעדרוקט דעם אַרטיקל איבער וועגן „ייִדן־רעוואָלוציאָנערן“, וווּ עס ווערט דערציילט די געשיכטע פֿון טעראָריסט גריגאָרי גאָלדענבערג און זײַן בגידה (זע קאַפּ׳ VI), האָבן מיר באַקומען פֿון מאָסקווע, פֿון אַן אַלטן פּאָליטישן פֿאַרשיקטן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, אייניקע נײַע פּרטים צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון אָט דער טראַגישער פֿיגור אין דער רוסישער רעוואָלוציע סוף די 70ער יאָרן. דער מחבר האָט מיט אַ יאָר 34 צוריק געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן אין כאָלמאָגאָרי, אַרכאַנגעלסקער גובערניע, מיט אַן אַלטן אָרטיקן תּושבֿ, אַ פֿעלדשער, בײַ וועמען גאָלדענבערג האָט געוווינט בעת זײַן פֿאַרשיקונג אין 1878. מיר גיבן דאָ איבער בקיצור די הויפּטשטריכן פֿון דער כאַראַקטעריסטיק.

... בעת גריגאָרי גאָלדענבערג האָט געלעבט אין כאָלמאָגאָרי, איז ער אַלט געווען אַ יאָר 23, אָבער אויסגעזען האָט ער נאָך ייִנגער. אַ קליינער, אַ שוואַכער, אַן אויסגעדייַטערטער, איז ער געווען זייער אַ באַרעדעוודיקער, האָט מיט אימפּעט און זשעסטיקולאַציע געשאָטן מיט רייד, מ׳ט קײַלעכדיקע זאַצן, בײַזאַצן און מאמר־המוסגרס, מיט „ערשטנס“, „צווייטנס“, „דריטנס“ און אַז״וו. שטענדיק אַן עקזאַלטירטער, האָט ער פֿון דעסט וועגן געהאַט אין זיך אַ געוויסע לאָגישקייט — אַ טיפּישער גמרא־קאָפּ, הגם ער איז ווײַט געווען פֿון אַ למדן. העברעיִש האָט ער אָבער יאָ פֿאַרשטאַנען און אין זײַן צימער פֿלעגט ער אָפֿט לאָזן ליגן אַ קליינעם זשורנאַל מיט העברעיִשן כּתבֿ—משמעות דעם „האמת“, וועלכן ער האָט פֿריִער געהאַט פֿאַרשפּרייט אין דרום־רוסלאַנד. שטענדיק פֿול מיט פֿאַרשיידענע פּראָיעקטן, קאָמבינאַציעס, מיט ברייטע פּלענער, האָט ער זיך אין דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט אָריענטירט זייער שלעכט. עס האָט אים געפֿעלט שטאַנדהאַפֿטיקייט, „שוואַרצערד“ אונטער די פֿיס — ווידער אַ ריין ייִדישער שטריך. ער איז געווען אין פּאָליטיק דאָס, וואָס מנחם־מענדל פֿון יעהופּעץ איז געווען אין מסחר, אין ספּעקולאַציע.

אין חדר, נאָך אין באַרדיטשעוו, האָט ער זיך געלערנט שלעכט; ער האָט ליב געהאַט תּנך, באַזונדערס די נבֿיאים, אָבער ניט געקענט פֿאַרטראָגן די טרוקנקייט פֿון גמרא; מער האָט אים געצויגן צו דער השׂכּלה־ליטעראַטור. ער האָט פֿאַרלאָזט דעם חדר און איז געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין שניטקראָם בײַ זײַן פֿאָטער, וועלכער איז צו יענער צײַט אַריבערגעפֿאָרן קיין קיִעוו. אָפּגעווען דרײַ יאָר אין געשעפֿט, איז ער אַרײַן אין גימנאַזיע, אָבער צו 17 יאָר פֿאַרלאָזט ער אויך די גימנאַזיע און טרעט אַרײַן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער פֿאַרשפּרייט נאַראָדנישע פּראָקלאַמאַציעס, פֿאַרשפּרייט אויך דעם „האמת“, לאָזט זיך „גיין אין פֿאָלק“, ניט ווייסנדיק אייגנטלעך וואָס אַזוינס איז דער רוסישער פּויער. ער קען זיך ניט צושלאָגן צו קיין ריכטיקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, ביז עס באַווײַזן זיך די טעראָריסטן, און ער טרעט אַרײַן אין זייערע רייען. אין תּוך איז גאָלדענבערג, אָדער „גרישקאַ“, ווי מען רופֿט אים, אַ מענטש מיט לײַדנשאַפֿטלעכע אַמביציעס, אַ כּבֿוד־זוכער, מיט אַ זעלבסט־אײַנרײדעניש, אַז ער איז עלול אויפֿצוטון גרויסע זאַכן און באַווײַזן דער וועלט וואָס ער קאָן. ער עסט זיך אויס דאָס האַרץ, וואָס מען איז אים מבֿטל, וואָס ער שפּילט קיין שום ראָלע ניט. אַ געפֿיל פֿון שיפֿלות בײַ קראַנקהאַפֿטער איינגליבע. קולטורעל אַ ווייניק אַנטוויקלטער, אַ קאָמבינאַטאָר און אַ פֿעסטן מאָראַלישן האַלט, בטבֿע אַן אַוואַנטוריסט—לויט זײַן בלוט, לויט זײַן דערציִונג און לויט דער אַרומיקער רעוואָלוציאָנערער אַטמאָספֿער פֿון יענע יאָרן, גיט ער זיך לײַכט אונטער דער פֿרעמדער השפּעה. לאָזט זיך פֿאַרפֿירן פֿונעם פּראָוואָקאַטאָר קוריצין אין טורמע, דורך די זיסע רייד פֿונעם פּראָקוראָר־געהילף דאָבזשינסקי, און הייבט אָן קוקן אויף זיך ווי אויף דעם „רעטער פֿון דער רעוואָלוציע“: אויסדערציילן פֿאַר דער פּאָליציי אַלץ וועגן די אָנפֿירער פֿון דער רעוואָלוציע, אָפּשטעלן דעם טעראָר — און דערפֿאַר וועט די רעגירונג אויך אָפּשטעלן אירע

עקזעקוטיװעס, איינפירן אַ קאָנסטיטוציע, די אַרעסטירטע רעװאָלוציאָנערן װעלן זיך מיט טריומף אומקערן צוריק און דער גרעסטער טריומף װעט אױספאַלן אױף אים, װאָס האָט דורכגעפירט אין רוסלאַנד די רעװאָלוציע אָן שפיכת־דמים, און דעמאָלט װעט די װעלט סוף כּל סוף דערזען און פאַרשטײן, װער ער איז באמת, אָט דער „גרישקאַ"...

אױף מײַן פראַגע דעם פעלדשער — דערציילט װײַטער דער מחבר — צי האָט מיט אים גאָלדענבערג אַמאָל גערעדט װעגן זײַן ייִדישקייט, האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז אים פלעגט אָפט אױסקומען צו הערן פון גאָלדענבערגן: „מיר, די רוסישע רעװאָלוציאָנערן", „אונדזער רוסיש פאָלק" וכדומה. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ רוס, אָבער ניט לױט רעליגיע, און לױטן פאַס — פאַר אַ ייִדן. „דערבײַ — האָט מוסיף געװען דער פעלדשער — האָט ער מיט יראת־הכּבֿוד גערעדט װעגן די ערשטע מאַרטירער פון קריסטנטום, האָט אָבער קײן מאָל ניט דערמאָנט װעגן מאַרטירער פאַרן ייִדישן דת. גרױס יראת־הכּבֿוד האָט ער אױך געהאַט פאַר קריסטוסן גופא".

„אומבאַגרענעצט טראַגיש איז געװען זײַן גורל, — פאַרענדיקט אונדזער קאָרעספאָנדענט — קוים אַלט 25 יאָר, האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן. נאָך דעם װי ער האָט געפעלשט אין דער גאַנצער רעװאָלוצ אָנ גרער אָרגאַניזאַציע. ער איז געװאָרן דער אױסהעלפער פון די צאַרישע תּלינים און איז אַריבער אין דער געשיכטע מיטן שענדלעכן נאָמען פון אַ בוגד. און די גאַנצע טראַגעדיע איז געװען אַ רעזולטאַט פון זײַן דערציִונג, פון דער סבֿיבֿה, אין װעלכער ער איז אױסגעװאַקסן און װי עס האָט זיך אױסגעפורעמט זײַן כאַראַקטער, זײַנע קאָנסטיטוציאָנעלע שװאַכקייטן אין יענע פאַרשאָלטענע יאָרן פון דער רוסישער װירקלעכקייט"...

## נאָך װעגן אַבֿרהם אַמסטערדאַם

אין דער נאָטיץ װעגן אַבֿרהם אַמסטערדאַם („פאַרגעסענע פיאָניערן") איז על־פּי צופאַל דורכגעפאַלן געװאָרן זײַן כאַראַקטעריסטיק, װאָס אַ. ליטװאַק גיט אין די זכרונות װעגן די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן".[1]

„אַמסטערדאַם — שרײַבט אַ. ליטװאַק, װעלכער האָט זיך מיט אים אָפט געטראָפן אין װילנע — איז געװען זײער פּאָפּולער בײַ דער יוגנט פון װיטעבסקער און מאָהילעװער גובערניע. ער האָט אָנגעהױבן אַלס משׂכּיל, איז שפּעטער געװען אַ חובֿבֿ־ציון, דערנאָך אַן אחד־העמיסט, און מיטן די 90ער יאָרן איז ער געװען אַ סאָציאַליסט, — אַ געמיש, װאָס האָט זיך נאָך ניט אָפּגעשטאַנען, ניט סינטעזירט. די, װאָס האָבן אַמסטערדאַמען געקאָנט נאָענט, האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גרױסן אידעאַליסט, פאַר אַן אױפריכטיקער נשמה... װו ער איז געגאַנגען און װו ער איז געשטאַנען האָט ער עפּעס געפּריידיקט, פאַר עפּעס אַגיטירט.... אַמסטערדאַם האָט אַרײַנגעטראָגן אין די װילנער ייִדישע סאָציאַליסטישע קרײַזן אַ סך ייִדישע שטימונג. מיט אַ באַזונדער ענערגיע האָט ער זיך אָפּגעגעבן דעם „זשאַרגאָנישן קאָמיטעט", װײַל דאָ האָט ער זיך געפילט װי אין דער היים. זײַן ראָלע איז אָבער דאָ אױך געװען מער אַן אידעיִשע, װי אַן אַקטיװ־פּראַקטישע".

## פּאָליצײַישע ידיעות װעגן ייִדישע רעװאָלוציאָנערן אין װילנע

אין דעם אַרכיװ פון ייִװאָ געפינען זיך צװישן די דאָקומענטן פון דעם װילנער צאַרישן פּאָליצײַ־אַרכיװ באַריכטן פון די אַגענטן װאָס האָבן נאָכגעשפּירט די רעװאָלוציאָנערע טוערס. צװישן אַנדערע געפינען זיך אַזעלכע נאָטיצן װעגן אַרקאַדי קרעמער פון מאַי 1894, װעגן פּאַטי סרעדניצקי־קרעמער פון אַפּריל 1894, װעגן י. מאַרטאָװ פון סעפּטעמבער 1895. טשעקאַװ איז, װאָס בײַ זײַ צאָלעמען, װאָס פּאָליצײַ האָט געהאַט אױף זײ אַן אױגן נאָך פאַר אַלטע הטאים, שטײט: „קײן שום השודיקס ניט באַמערקט". און דאָס איז געװען, װי מיר װײסן, אין אַ צײַט פון אַ שטאַרק לעבעדיקער אָרגאַניזיר־ און פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט.

**א. טשער.**

---

[1] „רויטער פנקס", ב׳ 1 (װאַרשע 1921), ז׳ 24; אױך זײַן בוך „װאָס געװען" (װאַרשע 1926).

# זוכצעטל פון נעמען

## באַמערקטע דרוקפֿעלערן

אויף ז׳ 247 הערה 29 אַנשטאָט דמיטרי דאַרף זײַן מיכאַיל פּיעטראָוויטש
„ „ 373 ערשטע שורה פֿון אונטן אַרויסגעפֿאַלן פּוזיריאַנסקי,
„ „ 446 אַנשטאָט ל. יעוזעראָוו דאַרף זײַן מ. יעוזעראָוו
„ „ 597 הערה 63 אַנשטאָט זאַלעווסקי דאַרף זײַן וואָלעצקי

## FOTOGRAFIE / *PHOTOGRAPHS*

Młody A. Liesin (A. Walt). L. Ginzberg-Walt (żona Liesina). Młody G. Gurewicz. G. Gurewicz ze swoim nauczycielem i przyjaciółmi z kółka młodzieży w Mohylowie. S. Rabinowicz w więzieniu kowieńskim (1888—1889). S. Rabinowicz w starszym wieku. Grupa zesłańców politycznych w Jakutsku. Młody Hilel (Kac-Blum). Młody John Mill. John Mill w r. 1900. Chonon Rapoport. Jakub Notkin. Abram Amsterdam. Liza Grynblat (żona A. Amsterdama). Paweł Berman. Szmuel Lewin, przewódca ruchu garbarzy w Smorgoniach. Izak Pejsachzon, Warszawa. Młody Arkadiusz Kremer. Arkadiusz Kremer w starszym wieku. Pati Srednicka-Kremer. Noach-Portnoj (1903). Taras—Dawid Kac. A. Judin-Eisensztat. Włodzimierz Kosowski. L. Martow—J. Cederbaum. P. Anman—Paweł Rosental. B. Michalewicz. A. Litwak. Dobrogeanu Gherea (K. Kac). Dr. L. Gelerter. L. Geler. M. Weksler. J. Bross. Sz. Wigdorczyk. Hesia Helfman.

*A. Liessin (Avrom Valt) in his youth. Libe Ginzberg-Valt (Liessin's wife). Grigori Gurevitch in his youth. Gr. Gurevitch with his teacher and friends from a youth-circle in Mohilev. S. Rabinovitch in the Kovno Prison (1888—1889). S. Rabinovitch in later years. A Group of Political Exiles in Yakutsk. Hillel (Katz-Blum) in his youth. John Mill in his youth. John Mill in 1900. Charles Rapoport. Jacob Notkin. Abraham Amsterdam. Lisa Greenblat (A. Amsterdam's wife). Pavel Berman. Shmuel Levin, leader of the tanners' movement in Smorgonie. Isaac Peisachson, Warsaw. Arkady Kremer in his youth. Arkady Kremer in later years. Pati Srednitzki-Kremer. Noah-Portnoy (1903). Taras—David Katz. A. Yudin-Eisnshtat. Vladimir Kosovsky. L. Martov—J. Cederbaum. P. Anman — Pavel Rosental. B. Michalevitch. A. Litvack. Dobrogeanu Gherea (K. Katz). Dr. L. Gelerter. L. Geler. M. Vechsler. I. Bross. Sh. Vigdortchick. Hesia Helfman.*

## REPRODUKCJE / *REPRODUCTIONS*

Отъ группы соціалистовъ-евреевъ (Odezwa genewska, 1880—*Geneva Call, 1880*)

Четыре рѣчи еврейскихъ рабочихъ (4 mowy pierwszo-majowe, 1892 — *Four May-Speeches, 1892*)

„Di naje epoxe in der jidišer arbeter-bavegung" (Mowa Martowa, 1895 — *Martov's Speech, 1895*)

„A rede af Purim" (Broszura—*Pamphlet*)

„A hesped" (Broszura—*Pamphlet*)

„Der štot-magid" (Broszura—*Pamphlet*)

## DOKUMENTY / *DOCUMENTS*

# TREŚĆ / *TABLE OF CONTENTS:*

YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE (YIVO)
DEPARTMENT OF HISTORY

# STUDIES IN HISTORY

## Volume III:

## THE SOCIALIST MOVEMENT AMONG THE JEWS UP TO 1897

EDITED BY
F. KURSKY, A. MENES, A. ROSIN (BEN-ADIR), E. TSCHERIKOWER

WILNO / 1939